# אויף די חורבות
## פון מלחמות און מהומות

# פנקס

פון געגנט=קאמיטעט „עקאפא"

אונטער דער רעדאקציע פון **משה שאליט**

1919 — 1930

ווילנע - תרצ"א



# NA ZGLISZCZACH WOJEN i ROZRUCHÓW

## KSIĘGA PAMIĄTKOWA (w języku żydowskim)

Krajowego Komitetu Żydowskiego Pomocy Ofiarom Wojny „EKOPO" w WILNIE

pod redakcją **Mojżesza Szalita**

Artykuły, samodzielne badania, materjały i dokumenty.

**Monumentalne to dzieło z dziedziny żydowskiej pracy społecznej w latach 1919—1931**

zawiera następujące prace:

1. Czas, ludzie i praca. 2. Pomoc prawna. 3. Bezdomni i repatrjanci. 4. Opieka nad emigracją aż do powstania „Jeasu". 5. Odbudowa zniszczonych przez wojnę domów i budynków. 6. Domy ludowe (budynki szkolne). 7. Opieka nad sierotami. 8. Opieka nad emigrantami po założeniu „Jeasu". 9. Kasy „Gmilas-Chesed". 10. „Gmilas-Chesed" w Wilnie. 11. Działalność kulturalna (szkoły, bibljoteki, książnice i in.). 12. Inna pomoc (kooperatywy, rolnictwo, rzemiosło, pomoc produktywna, medyczna i indywidualna). 13. Nasze miasta i miasteczka (badania etnograficzne, statystyczne i ekonomiczne). 14. Położenie ekonomiczne miasteczek w latach 1928—1929 (wynik badań dokonanych w 63 punktach przez delegatów „Ekopo"). 15. Sprawozdania i kroniki z prowincji. 16. Wspomnienia, materjały i dokumenty. 17. Ankiety o działaczach społecznych, frekwencji dzieci szkolnych i in. (badania samodzielne). 18. Leksykon biograficzny (życiorysy, autobiografje i autentyczne materjały, odnoszące się do 106 działaczy). 19. Bibliografja (artykuły i dzieła o Wilnie i okolicy w latach 1919—1929). 20. Struktura gospodarcza Wileńszczyzny (monografja). 21. Sprawozdania finansowe. 22. W kolei czasu (fazy rozwoju do roku 1931). 23. Karykatury społeczne. 24. Z archiwum „Ekopo". 22. Dokładny indeks nazwisk i rzeczy wyszczególnionych w księdze pamiątkowej.

Współpracownicy Księgi Pamiątkowej:

H. Abramowicz, F. Antowił, Sz. An-ski, I. Bornsztejn, Sz. L. Citron, Adw. E. Gumener, H. Gurwicz, A. J. Grodzieński, A. Iwenicki, Adw. J. Jochwed, M. Jewzerow, Sz. Kahn, Rabin J. Kac, U. Klioński, Ch. Łunski, A. Pekler, Dr. C. Szabad, M. Szalit, I. Wałk i w. i.

Ilustracje wykonali artyści:

M. Lejbowski, J. Lewit, J. Szer i B. Załkind.

Księga Pamiątkowa zawiera 50 arkuszy druku wielkiego formatu, 1200 szpalt, 86 tabel, liczne ilustracje, reprodukcje obrazów, portretów i t. p.

Księga Pamiątkowa ukaże się w dwu wydaniach: 1) na papierze ilustracyjnym i oprawiona, 2) na papierze zwykłym, broszurowana.

Cena egzemplarza pierwszego wydania wynosi 45 zł., drugiego — 35 zł. Dla zawodowych działaczy społecznych, urzędników i pracowników — cena egzemplarza I. wydania wynosi 30 zł., drugiego — 20 zł., Egzemplarzy okazowych i bezpłatnych nie wysyła się; zamówienia za zaliczką wykonuje się po otrzymaniu połowy ceny egzemplarza.

Nadwyżki cen są dopuszczalne, przelewa się je do funduszu dalszej pomocy i odbudowy „Ekopo".

Adres wydawnictwa:

**Krajowy Kom. Żyd. Pom. Ofiar. Wojny „EKOPO",**

Wilno, ul. W.-Pohulanka 5.

Adr. telegr.: Ekopo Wilno. Telefon 626. Konto P. K. O. 80.312.

# אויף די חורבות
# פון מלחמות און מהומות

## פ נ ק ס

## פון געגנט־קאָמיטעט „יעקאָפּאַ" אין ווילנע

(1919 – 1931)


אונטער דער רעדאַקציע

פון **משה שאַליט**


באַריכטן, אַרטיקלען, פאָרשונגען, מאַטעריאַלן און דאָקומענטן

50 דרוק־בויגן

1164 שפּאַלטן + XII

| | | | |
|---|---|---|---|
| 23 | אַרטיקלען | 75 | פּאָרטרעטן |
| 18 | פאָרשונגען | 9 | צייכענונגען |
| 106 | ביאָגראַפיעס | | ביבליאָגראַפיע |
| 86 | טאַבעלן | | עקאָנאָמיק און סטאַטיסטיק |
| 39 | בילדער | | באַריכטן, נאָטיצן, אַרכיוו־ |
| 21 | רעפּראָדוקציעס | | מאַטעריאַלן, אינדעקס |


אַרויסגעגעבן פון געגנט־קאָמיטעט „יעקאָפּאַ"

ווילנע 1931

Printed in Poland




Ojf di churwes fun milchomes un mhumes
t. j.
Na zgliszczach wojen i rozruchów
Pamiętniki Krajowego Żydowskiego
Komitetu Pomocy Ofiarom Wojny
„Ekopo" w Wilnie.
Wydanie tegóż komitetu.
געדרוקט אין 1200 (500+700) עקז.
געזעצט אין דער דרוקעריי פון די ווילנער פראַ.-קאָאָפּ.
טראָקער 7 ווילנע.
געדרוקט אין דער דרוקעריי פון די בר. ראָזענטאַל
רודניצקער 7, ווילנע.
די קלישעס געמאַכט פון פ. זאַניעווסקי, בריטע 3, ווילנע.
Składano w drukarni Sp. Wytw. Handl., Wilno, Trocka 7.
Odbito w drukarni Br. Rozental, Wilno, Rudnicka 7.

# אויף די חורבות פון מלחמות און מהומות

דער פּנקס פון „יעקאָפּאָ" — דער ערשטער און ביז אויף היינטיקן טאָג איינציקער אין פּוילן יידישער געזעלשאַפטלעכער אָרגאַניזאַציע פאַר אַלע ענינים פון הילף און אויפבוי — איז דער ערשטער פּרוב פון א גרע־סערן ווערק אויפן געביט פון דער פּראַקטישער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט פון א ברייטערן און פילזייטיקערן פאַרנעם אין משך פון דעם לעצטערן 12־יאָריקן פעריאָד פון נאָך דער מלחמה ביז איצט (פאַר איינציקע דערגאַנצונגען צו די ערשטע יאָרן קען נאָך דינען דער זשורנאַל „אונזער הילף", וואָס „יעקאָפּאָ" האָט אַרויסגעגעבן ביזן יאָר 1925). דאָס, וואָס ער האָט דערביי צו טאָן מיט א באַגרענעצטער געגנט (ווילנער־נאָוואָגרודקער) — עקאָנאָמיש־שוואַכסטער און גייסטיק־שטאַרקסטער געזעלשאַפטלעך־שטאַרקסטער אין פּוילן, — מאַכט נאָך בולטער און קאָנצענטרירטער די טעטיקייט, וואָס ער שילדערט. די מאַטעריאַלן, אָבער, וואָס ער ברענגט, שטייען מיט זייער אינהאַלט ווייט אַריבער די גרענעצן פון דער אָנגערופענער געגנט און וואַרפן א שיין אויף פיל זייטן פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט בכלל און אויפן עצם כאַראַקטער פון אונזער געזעלשאַפטלעכקייט.

דער פּנקס גיט גלייכצייטיק — א באַריכט וועגן דער אַרבעט פון געגנט־קאָמיטעט „יעקאָפּאָ" אין ווילנע און פּראָווינץ פאַר די יאָרן 1919—1931 (א טעטיקייטס־ און פינאַנס־באַריכט) און א באַגריף וועגן די אַלע פּונקטן (שטעט און שטעטלעך), וואו די אַרבעט איז אויסגעקומען צו פירן, ווי אויך ידיעות וועגן די פּערזאָנען, וואָס האָבן די אַרבעט געפירט אָדער האָבן געהאַט צו איר א שייכות.

ס'ווערט געשילדערט ניט נאָר די אַרבעט, נאָר די גאַנצע ווילנער־נאָוואָגרודקער פּראָווינץ. — דער פּנקס איז אויף אַזאַ אופן דאָס ערשטע יידישע בוך וועגן דער געגנט, פּונקט ווי אין אים ווערן פאַרעפנטלעכט דער ערשטער פּרוב פון א ביאָגראַפישן לעקסיקאָן אויף יידיש פון געזעלשאַפטלעכע טוער; פון א מאָנאָגראַפיע וועגן דער ווירטשאַפטלעכער סטרוקטור; פון א ביבליאָגראַפיע; פון א ריי פאָרשונגען אויפן יסוד פון זעלבשטענדיקע מאַטעריאַלן און אַנקעטעס, דורכגעפירט פון איבער הונדערט אייגענע קאָרעספּאָנדענטן און פאָרשטעהער אויף די ערטער אָדער דורך באַפולמעכטיקטע פון קאָמיטעט „יעקאָפּאָ".

בכלל די אַלע מאַטעריאַלן, וואָס ווערן געבראַכט אין פּנקס, ווערן פּובליקירט צום ערשטן מאָל. דאָס זעלבע איז וועגן די אַלע צייכענונגען, בילדער, רעפּראָדוקציעס, פּאָרטרעטן, טאַבעלן און דאַטן. אין דער ביבליאָגראַפיע האָבן מיר איינגעפירט דעם נייס, וואָס ביי יעדן אַרטיקל ווערט אָנגעוויזן, חוץ די אַלע איבעריקע געוויינלעכע דאַטן, אויך די דאַטע פון טאָג און דער חודש, וואָס גיט די מעגלעכקייט תיכף זיך גענוי צו אָריענטירן אין דער צייט. חוץ דעם געוויינטלעכן אינהאַלט (תוכן העניינים) איז אויך געבראַכט א ברייטער אינדעקס פון די נעמען, ענינים און זאַכן, וואָס ווערן דערמאָנט אין פּנקס.

דער פּנקס איז צונויפגעשטעלט געוואָרן אין משך פון עטלעכע יאָר. ס'האָט פאַרנומען פיל צייט דאָס שטודירן די אַרכיוו־דאָקומענטן, זאַמלען די מאַטעריאַלן, דורכפירן די פאָרשונגען און באַאַרבעטן די דאַטן און ציפער. אין משך פון דער צייט זיינען צוגעקומען א ריי אַקטועלע פּראָבלעמען פון דער אַרבעט (און אויך א ריי ענדערונגען), וואָס האָבן אויך געדאַרפט געפינען זייער אָפּשפּיגלונג אין פּנקס. ניט ווייניק צייט האָט אויך פאַרנומען די טעכנישע אויספירונג פון דעם ווערק.

ביי דעם אַלעם האָבן ווייט ניט אַלע „יעקאָפּאָ"־מאַטעריאַלן געקענט אַריין אין פּנקס. ס'איז דערווייל אויסגענוצט געוואָרן נאָר א טייל פון זיי. ביי גינסטיקע באַדינגונגען וועט אפשר זיין מעגלעך אַרויסצוגעבן פאַר א ווייטערדיקן פעריאָד א נייעם באַנד אָדער צו פּובליקירן די וויכטיקערע איבערגעבליבענע מאַטעריאַלן און פאָר־שונגען אין באַזונדערע אויסגאַבן פון „יעקאָפּאָ".

ווילנע, אַפּריל 1931

# אויף די חורבות פון מלחמות און מהומות

## פנקס פון געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ“

אונטער דער רעדאַקציע פון **משה שאַליט**

**1930 — 1919**

## אינהאַלט:

זייט

## טאַבעלן

I. **טעטיקייט פון „יעקאָפּאַ“:**

זייט



## בילדער

זייט



## רעפּראָדוקציעס



## פּאָרטרעטן

## צייכענונגען





מ. שאַליט

# די צייט, די מענטשן און די אַרבעט

נאָך די ערשטע מלחמה־יאָרן און דעם לאַנגן פעריאָד פון דער דייטשער אָקופאַציע איז די אַרבעט פון „יעקאָפאָ“ אין ווילנע באַנייט געוואָרן אין יאָר 1919.

זי האָט אָנגענומען גאַנץ אַנדערע אָרגאַניזאַציאָנעלע פאָרמען און געפירט געוואָרן אין אַ גאַנץ אַנדערן מאַסשטאַב. צום אָנהויב אַן אָפטיילונג פון פעטערבורגער „יעקאָפאָ“, איז דער ווילנער געגנט־קאָמיטעט אין צוזאַמענהאַנג מיט די פאָליטישע געשעענישן און מיט די באַדינגונגען פון נייעם לעבן גלייך נאָך די ערשטע חדשים פון דער באַנייטער אַרבעט אַליין געוואָרן פאַקטיש אַ צענטראַל־קאָמיטעט פאַר אַ גרויסער אָפגעשלאָסענער געגנט, וועלכער ס'איז באַשערט געוואָרן דער טרויעריקער גורל איבערצולעבן שוין נאָך דער וועלט־מלחמה אַ ריי נייע אָרטיקע מלחמות און מהומות, פאָגראָמען און עקסצעסן.

נאָך דער דייטשער אָקופאַציע, פאַר די דריי יאָר 1919—1922, האָט זיך אין ווילנער געגנט 7 מאָל געביטן די מאַכט און 6 מאָל זיינען געווען אויף לענגערע אָדער קירצערע צייטן פאַרשיידענע רעגירונגען און רעזשימען, אָקופאַציעס און מלוכות.

*

די דייטשן זיינען אַריין אין ווילנע שבת יום־כפור אינדערפרי דעם 18־טן סעפטעמבער ג. ס. 1915, האָבן פאַרטריבן די רוסן און זיך פעסט באַזעצט אויף גאַנצע 3 יאָר מיט 3 חדשים און 13 טעג. אין דער נאַכט פון 31 דעצעמבער 1918 זיינען די דייטשן אַוועק און ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע ערע.

די געשעענישן האָבן זיך ווייטער אַנטוויקלט אין פאָלגנדן סדר:

1. מיטוואָך אינאָוונט דעם 1־טן יאַנואַר 1919 איז די מאַכט אַריבער צו אָרטיקע און געקומענע פוילישע לעגיאָנערן אונטער דער פירערשאַפט פון גענ.־מאַיאָר מאָקושעצקי. די הערשאַפט האָט געדויערט 4 טעג און דעם 5־טן יאַנואַר 1919 זיינען די לעגיאָנערן אָפגעטראָטן.

2. זונטאָג אינאָוונט דעם 5 יאַנואַר 1919 איז אַריין אין שטאָט די רויטע אַרמיי. די באָלשעוויקעס האָבן פאַרנומען די שטאָט און געגנט אין משך פון 3 חדשים מיט 2 וואָכן.

3. שבת פאַרטאָג דעם 19־טן אַפריל 1919 זיינען אַריין די פאָליאַקן און זיינען פאַרבליבן אין משך פון 1 יאָר מיט 2 חדשים און 26 טעג. אין דער נאַכט פון 13־טן אויפן 14־טן יולי 1920 זיינען די פאָליאַקן אָפגעטראָטן.

4. מיטוואָך 4 בייטאָג דעם 14־טן יולי 1920 איז ווידער געקומען די רויטע אַרמיי און איז אָפגעווען 3 חדשים מיט 26 טעג.

5. דעם 15־טן יולי 1920 טריט ביי טריט נאָך די באָלשעוויקעס זיינען געקומען די ליטווינער און האָבן געטיילט צוזאַמען מיט זיי די מאַכט אין משך פון דערזעלבער צייט.

6. שבת דעם 9־טן אָקטאָבער 1920 איז אַריין דער פוילישער חייל פון גענעראַל זשעליגאָווסקי און ס'איז פראָקלאַמירט געוואָרן די נייע מיטל־ליטווישע מלוכה, וועלכע האָט זיך געהאַלטן 1 יאָר מיט 4 חדשים און 12 טעג.

7. דעם 22־טן פעברואַר 1922 איז געוואָרן אויס מיטל־ליטע און ווילנע מיט דער גאַנצער געגנט זיינען אַריין אין באַשטאַנד פון דער פוילישער רעפובליק.

*

דער געגנט־קאָמיטעט „יעקאָפאָ“ אין ווילנע איז געגרינדעט געוואָרן אין אַ באַנייטער פאָרם זונטאָג דעם 16־טן פעברואַר 1919. אין דעם טאָג איז פאָרגעקומען די אָרגאַניזירונגס־זיצונג. ס'האָבן זיך אין איר באַטייליקט (לויטן א״ב): ש. אַנ—סקי, ח. וואָלט, ל. זאַקהיים, מ. יעווזעראָוו, ל. ב. יפה, ב. כהן, א. לאַנג־אָרט, מ. א. מאָדעל, אַדוו. עזור פינקעלשטיין, ד״ר ה. קאָוואַרסקי, ד. קאַפלאַן־קאַפלאַנסקי, ד״ר צ. שאַבאַד און מ. שאַליט.

מ. א. מאָדעל, וועלכער האָט זיך באַטייליקט אין דער זיצונג אַלס באַפולמעכטיקטער פון פעטערבורגער צ. ק. פון „יעקאָפאָ“, האָט פאָרמולירט די נאָענטסטע אויפגאַבן פון דעם ניי־געגרינדעטן געגנט־קאָמיטעט אין ווילנע. ער האָט אָנגעוויזן אויף דעם, אַז דער פעטערבורגער צ. ק. האָט געוועסט איבערגעלעבט אַ ק־יזיס. די ניי־געשאַפענע דעמאָקראַטישע קהילות נאָכן פאַלן פון צאַריזם האָבן געזאָלט איבערנעמען אַלע געזעלשאַפטלעכע יידישע אַרבעטן. ס'האָט זיך אָבער שפעטער אַרויסגעוויזן, אַז זיי זיינען עס ניט בכח. ס'איז געוואָרן קלאָר, אַז פאַר די געזעלשאַפטן „יעקאָפאָ“, „אָזע“ און „אָרט“ איז נאָך פאַראַן גענוג וואָס צו טאָן און אַז די טעטיקייט, וואָס זיי אַנטוויקלען, קען ניט געפירט ווערן מיט דעמזעלבן דערפאָלג פון אַנדערע אָדער קען בכלל ניט געפירט ווערן אָן זיי. די אַרבעט דאַרף און קען אויך ווייטער געטאָן ווערן דורך די דערמאָנטע צענטראַלע געזעלשאַפטן, טיילווייז אויך דורך „אָפע“, וועלכע האָבן צוגעפאַסטע דערצו טוער און פאַרלייט מיט דער נויטיקער דערפאַרונג, וועלכע האָבן שוין דורכגעטראָגן אַ גראַנדיעזע טעטיקייט, האָבן אויפצוווייזן אויף אַ גאַנצע ריי ממשותדיקע אויפטוען און זיינען צילבאַוואוסט אין די געזעלשאַפטלעכע און פראַקטישע אויפגאַבן פון דער אַרבעט, אויף וועלכע ס'האָבן געגעבן מיטלען הן די באַפעלקערונג והן די רעגירונגען. וואָס איז שייך דעם איצט־געגרינדעטן געגנט־קאָמיטעט אין ווילנע, שטייט פאַר אים קודם־כל די פראַגע וועגן דער רע־עוואַקואַציע פון די היימלאָזע. ס'קען, נאַטירלעך, גאָר קיין רייד ניט זיין וועגן דעם, אַז די יידישע געזעלשאַפטן אַליין זאָלן אויסהאַלטן די נויטיקע אַנשטאַלטן און זאָלן פירן מאַטעריעל די גאַנצע אַרבעט. די רעגירונג גיט אויף דעם מיטלען, אָבער אונזערע פאָרשטייער מוזן זיך געפינען אין אַלע טראַנזיט־פונקטן, מיר מוזן זיך פאַרנעמען מיט דער איינאָרדענונג פון די היימלאָזע און מיטן גרינדן שפייז־פונקטן, אַמבולאַטאָריעס וכדומה. די צווייטע אויפגאַבע פון דער בעפאָרשטייענדיקער טעטיקייט איז די אויספאָרשונגס־אַרבעט. חוץ דער שנעלער הילף דאַרף געזאָרגט ווערן דערפאַר, אַז די מענטשן זאָלן צוריק אויפגעבויט ווערן. דערצו זיינען נויטיק אויספאָרשונגען. די דריטע אויפגאַבע, וואָס דאַרף אָבער גלייך דורכגעפירט ווערן, איז די אָרגאַניזאַציע פראַגע. דער געגנט־קאָמיטעט דאַרף ווערן דער צענטער. ס'מוז פונאַנדערגעטיילט ווערן די קאָמפעטענץ פון געגנט־קאָמיטעט און דעם שטאָטישן קאָמיטעט. דער שטאָטישער קאָמיטעט איז געבילדעט פון דער עקסיסטירנדער קאָלעגיע פון דער ווילנער קהילה. ער האָט די אויפגאַבע צו זאָרגן וועגן די היימלאָזע אין די אָרטיקע ווילנער אַנשטאַלטן אויף די מיטלען, וואָס ער דאַרף באַקומען פון „יעקאָפאָ“. די אויפגאַבע פון

געגנט-קאָמיטעט איז זאָרגן וועגן די היימלאָזע אין זייער רעעוואַקואירונג, אין די טראַנזיט-פּונקטן, אין דער גאַנצער געגנט וכדומה. אַלע ביודזשעטן פון דער אַרבעט הן אין שטאָט והן אין געגנט ווערן באַשטעטיקט פון געגנט-קאָמיטעט.

ד"ר שאַבאַד האָט אָנגעוויזן, אַז דער געגנט-קאָמיטעט דאַרף באַשטיין פון פּערזאָנען און פאַרשטייער, וואָס וויסן די זאַך. ער דאַרף זיין געבויט נאָר אויפן פּערסאָנאַלן פּרינציפּ. דער ראַיאָן פון דער אַ־בעט דאַרף זיין דער געביט פון ליטע.

דער שרייבער פון די שורות האָט אַרויסגעזאָגט די מיינונג, אַז מען דאַרף אויך צוציען פאַרשטייער פון דער פּראָווינץ.

ווייטער איז פּראָיעקטירט געוואָרן, אַז ס'זאָלן זיין צוויי באַפולמעכטיקטע — איינער פאַר קאָוונער און איינער פאַר ווילנער גובערניע. זיי גייען אַריין אין געגנט-קאָמיטעט מיט באַראַטונגס-רעכט. די טוער פון פּראָווינץ און די אָרטיקע קהילות וועט מען צוציען צו אָרטיקער אַרבעט.

יפה האָט אַרויסגעזאָגט די מיינונג, אַז דער גענויער פּלאַן פון דער אַרבעט וועט קלאָר ווערן אין פּראָצעס פון דער אַרבעט גופא. מען וועט אויך דאַרפן געפינען אַן אויסגלייך צווישן דעם צענטראַלן אונטערשטיצונגס-קאָמיטעט און דעם געגנט-קאָמיטעט.

נאָך אייניקע אויפקלערונגען ווערט באַשלאָסן, אַז די ווייטערדיקע דירעקטיוון וועלן שוין פעסטגעשטעלט ווערן פון אַ באַראַטונג, וואָס „יעקאָפּאָ" וועט צונויפרופן און מען טרעט-צו צו דער קאָנסטרואירונג פון געגנט-קאָמיטעט.

ס'ווערט איינשטימיק אויסגעקליבן פאָלגנדער פּרעזידיום פון „יעקאָפּאָ": ד"ר צ. שאַבאַד — פאָרזיצער, ל. ב. יפה און ב. כהן — וויצע-פאָרזיצער, ל. זאַקהיים — נאמן און מ. שאַליט — גענעראַל-סעקרעטאַר. דער פּלענום פון געגנט-קאָמיטעט באַשטייט פון פאָלגנדע פּערזאָנען: ד"ר צ. שאַבאַד, ל. ב. יפה, ב. כהן, ל. זאַקהיים, מ. שאַליט, ש. אַנ—סקי, א. לאַנגבאָרט, ד. קאַפּלאַן-קאַפּלאַנסקי, ע. פינקעלשטיין, ח. וואַלט. לויט דעם פאָרשלאָג פון ל. יפה ווערן נאָך קאָאָפּטירט אין געגנט-קאָמיטעט ד"ר י. בערגער און פ. אַנטאָוויל און לויט דעם פאָרשלאָג פון ד"ר שאַבאַד — נ. אָ. קאָוואַרסקי. חוץ די אָנגערופענע פּערזאָנען גייען נאָך אַריין אין געגנט-קאָמיטעט די פאַרשטייער פון די געזעלשאַפטן „אָרט", „אָזע" און „אָפּע" און די באַפולמעכטיקטע פון „יעקאָפּאָ".

גלייך נאָכדעם, אויף דער זיצונג פון 17-טן פעברואַר 1919, זיינען שוין געגרינדעט געוואָרן די געהעריקע קאָמיסיעס, ס'איז פעסטגעשטעלט געוואָרן דער נאָענטסטער פּלאַן פון טעטיקייט (רעעוואַקואַציע, אויספאָרשונגען, פּראָדוקטיווע הילף), באַשלאָסן געוואָרן צו פירן די מעדיצינישע הילף בשותפות מיט „אָזע", אַרויסצוגעבן אין איינצלנע פאַלן אינדיווידועלע הילף, ס'איז איינגעשטעלט געוואָרן דער סדר פון אויסאַרבעטן די ביודזשעטן, די טעכניק פון ביוראָ און קאַנצעלאַריע, -- און מען איז צוגעטראָטן צו דער אַרבעט, באַקומענדיק אויף דעם די ערשטע סומע פון פּעטערבורגער צ. ק. אין דער גרויס פון 60.000 רובל, לויט אַ רעכענונג, וואָס ד"ר שאַבאַד האָט געהאַט מיטן צ. ק. בעת זיין באַזוכן פּעטערבורג אין יוני 1918, ווען ס'איז באַשלאָסן געוואָרן צו סובסידירן ווילנע און ווילנער געגנט מיט 50.000 רובל אַ חודש.

די באַציאונגען מיט דעם ווילנער שטאָטישן קאָמיטעט (קאָלעגיע פון דער ווילנער קהילה) און מיט דעם צענטראַלן אונטערשטיצונגס-קאָמיטעט (פאַרקירצט—צענטראַל-קאָמיטעט, געגרינדעט אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע, ז. „ווילנער זאַמלבוך" II) האָבן מיט דעם ערשטן אָנגעהאַלטן אַ געוויסע צייט און מיט דעם צווייטן בלויז אַ פּאָר מאָל, ווייל פאַקטיש האָט געאַרבעט בלויז דער געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ", צו וועלכן ס'איז אַריבער די גאַנצע טעטיקייט. דער צענטראַלער אונטערשטיצונגס-קאָמיטעט האָט אויפגעהערט צו עקסיסטירן און די קאָלעגיע פון דער קהילה האָט דערפילט נאָר אייניקע תמיכה-פונקציעס פון אָרטיקן כאַראַקטער. פאַר די דאָזיקע נויטן האָט איר דער געגנט-קאָמיטעט אויך אויסגעטיילט אַ געוויסע סומע. אַזוי האָט זיך געצויגן ביז פּסח תרע"ט.

פאַר דעם דאָזיקן פּעריאָד צייט (מיטן פעברואַר — מיטן אַפּריל 1919) האָט שוין דער געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ" אַנטוויקלט אַ גאַנץ באַדייטנדיקע טעטיקייט, ביי זייער שווערע באַדינגונגען. אין די 2 חדשים האָט ער דורכגעפירט אַ רעעוואַקואַציע פון עטלעכע הונדערט היימלאָזע. אין איין חודש מערץ האָט ער רעעוואַקואירט 185 היימלאָזע אָדער 35,6 פּראָצ. פון דער אַלגעמיינער צאָל 519 היימלאָזע, וואָס זיינען געווען צו יענער צייט פאַררעגיסטרירט אין קאָמיטעט. די רעעוואַקואַציע איז געגאַנגען אין די ריכטונגען צו קאָוונע און גראָדנע און אויף די וועגן ווילקאָמיר—קאָשעדאַר מיט פורן, אָדער מיטן באַן קיין נאָוואָ-סווענציאַן און פון דאָרט מיט פורן קיין פּאָנעוועזש — יאַנאָווע — שאַדאָווע א. אַז. וו. אַנדערע זיינען רעעוואַקואירט געוואָרן אויף צופוס. סוף פעברואַר איז אָנגעקומען פון האָמעל אַ נייער טראַנספּאָרט פון 144 היימלאָזע. אין ווילנע זיינען די היימלאָזע געווען קאָנצענטרירט דער עיקר אין דער יונקער-שול אויף זאַקרעט, אָבער אויך אין די קלויזן, אויפן וואָקזאַל און אַנדערע ערטער. די רעעוואַקואַציע גופא איז צוגעגאַנגען זייער שווער און אַפילו לעבנסגעפערלעך און האָט געקאָסט פיל ענערגיע און מיטלען, ווייל קיין אייגנטלעכע קאָמוניקאַציע-וועגן, חוץ אַ פּאָר אויסנאַמען, זיינען נאָך דאַן ניט געווען און די ליטווישע אָדער ליטוויש-פּוילישע געגנטן, וואוהין מען האָט געדאַרפט אָפּשיקן דעם גרעסטן טייל פון די יידישע היימלאָזע (די קריסטלעכע היימלאָזע פלעגן זיך, פאַרקערט, דאָס רוב אומקערן קיין רוסלאַנד), זיינען נאָך אויף אַ באַדייטנדן שטח געווען מלחמה-פעלדער. דאָך איז די אַרבעט געגאַנגען אין אַ פאַרהעלטניסמעסיק-שנעלן טעמפּ און ס'איז געגעבן געוואָרן אַ גאַנצע ריי ממשותדיקע אונטערשטיצונגען (גענויער וועגן דעם זע ווייטער, ז. 43—44).

אויך אַ גאַנצע ריי אַנדערע הילפס-אַקציעס האָט „יעקאָפּאָ" דורכגעפירט פאַר די צייט. כראָנאָלאָגיש זיינען די אַקציעס געווען פאָלגנדע: ס'איז געמאַכט געוואָרן אַ גענויער רייסטער פון די אינסטרומענטן און מכשירים, וואָס זיינען געפונען געוואָרן אין האַנטווערקערשול און זיינען אָפּגעגעבן געוואָרן שפּעטער טיילווייז אין רשות פון „אָרט" און טיילווייז אין רשות פון די פּראָדוציר-קאָאָפּעראַטיוון, וואָס האָבן זיך נאָכדעם געגרינדעט; מען האָט אָנגעהויבן אויספאָרשן די געגנט און ס'איז געגעבן געוואָרן הילף איז פאָדבראָדז, נאָוואָ-סווענציאַן און אַנדערע פונקטן; ס'זיינען געשיקט געוואָרן באַפולמעכטיקטע קיין קאָוונע, גראָדנע, לידע א. א. ס'האָט זיך געגרינדעט די קאָמיסיע פאַר אָפּבויען די חרוב-געוואָרענע פון דער מלחמה הייזער און בנינים, וועלכע האָט צוגעגרייט די ערשטע אַנקעטע און אויפגעזאַמלט דעם מאַטעריאַל (זע זייט 127—128); ס'איז אויך אָנגעמערקט געוואָרן די רעגיסטראַציע פון מלחמה-היזקות, וועלכע איז שפּעטער אויך דורכגעפירט געוואָרן (זע ז. 39). אין

אַ גאַנצער ריי פאַלן איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אינדיווידועלע הילף פּראָדוקטיווע עלעמענטן, לערער און אינטעליגענץ; ס'איז געגעבן געוואָרן מעדיציניש הילף, הילף אויף פּסח, ס'זיינען געבראַכט געוואָרן פּראָדוקטן, וואָס איז געווען אַ גרויסע זאַך אין יענער צייט, ווען ס'האָט שוין אָנגעהויבן הערשן דער הונגער און ס'איז געעפנט געוואָרן אַ גרויסע קיך פאַר היימלאָזע אויף זאַוואַלנע 33.

אויף דעם 12-טן מערץ 1919 איז געווען באַשטימט אַ קאָנפערענץ פון טוער פון „יעקאָפּאָ" אין האָמעל. פון ווילנער בעגנט-קאָמיטעט זיינען איינגעלאַדן געוואָרן פאָרשטייער. די קאָנפערענץ האָט זיך אָפּגעלייגט אויף אַ געוויסע צייט און צוליב די פּאָליטישע געשעענישן איז שוין מערניט געווען מעגלעך צו פאָרן.

די מאַכט האָט דער אַרבעט ניט געשטערט, אין אַ ריי פאַלן אַפילו געהאָלפן, אַמאָל געקוקט קרום, אָבער אין אַלגעמיינעם האָט זי די אַרבעט אַזוי צו זאָגן „דערלאָזן".

*

דער צווייטער פּעריאָד האָט זיך אָנגעהויבן מיט די בלוטיקע אַפּריל-טעג 1919, מיט פּאָגראָמען און עקסצעסן, וואָס האָבן געדויערט אין ווילנע און פּראָווינץ איבער זעקס וואָכן צייט.

דעם מצב אין די ערשטע וואָכן האָט געשילדערט די שאַרפע רעזאָלוציע, וואָס די ווילנער קהילה האָט אָנגענומען אויף איר זיצונג פון 6 מאַי 1919 (דער ערשטער נאָכן פאַרנעמען די שטאָט פון פּוילישן חייל) וועגן „די באַליידיקונגען, רויבערייען און הריגות, וואָס די יידישע באַפעלקערונג האָט איבערגעלעבט אין די טעג פון 19-טן אַפּריל און ווייטער" (ז. דעם געדרוקטן באַריכט פון קהילה, ווילנע 1921, ז. 7—9).

ס'איז תיכף געוואָרן נויטיק אַ גרויסע יורידישע הילף. אויף זאַוואַלנע 33, אין זעלבן הויף, וואו ס'האָט פונקציאָנירט די קיך, וועלכע איז איבערגעריכן געוואָרן אינמיטן פּסח, דעם 19 אַפּריל 1919, האָט „יעקאָפּאָ" אין קאָנטאַקט מיט דער קהילה געעפנט אַ גרויסע ביוראָ (יורידישע קאָמיסיע) פון 14 אַדוואָקאַטן, טוער און באַאַמטע, וועלכע האָט רעגיסטרירט, געזאַמלט און גרינטלעך געפּאָרשט דעם גאַנצן מאַטעריאַל וועגן די הריגות, רויבערייען און נגישות אויף יידן, האָט אינטערוועניִרט, צוגעגרייט מעמאָראַנדומס, דערליידיקט פּערזענלעכע בקשות און השתדלותן, האָט געהאָלפן דעם כלל און פּרט און איז געווען דער צענטער פאַר דער גאַנצער יורידישער און אינטערוועניִרונגס-אַרבעט אין יענע שווערע חדשים.

אויפן יסוד פון די אַלע מאַטעריאַלן פלעגט זיך די קהילה (דער עיקר ד"ר י. וויגאָדסקי, ד"ר צ. שאַבאַד, הרב י. רובינשטיין א. א.) ווענדן צו די העכערע פאָרשטייער פון דער פּוילישער מאַכט און האָט די מאַטעריאַלן אויך אויסגענוצט שפּעטער בעת די אויספאָרשונגען פאַר דער מאָרגענטוי-קאָמיסיע (זע ווייטער ז. 791—792).

דער מאַטעריאַל איז אויך געזאַמלט געוואָרן אויף דער פּראָווינץ און אויף וויפיל ס'איז געווען מעגלעך אין יענע געפערלעכע צייטן, פלעגן זיך ווענדן צום ביוראָ אויך די פאָרשטייער פון די שטעטלעך און געגנט, אַמאָל מיט גרויסע פאַרשפּעטיקונגען צוליב אומאָפּהענגיקע סיבות.

דער פראַגע-בויגן, וואָס „יעקאָפּאָ" האָט אויסגעאַרבעט, האָט געהאַט פאָלגנדן אינהאַלט:

1\. פאַמיליע, נאָמען און עלטערס נאָמען פון געליטענעם. 2. אדרעס. 3. אין וואָס פאַר אַן אופן געליטן (דערהרגעט, באַגזלט, געשלאָגן וכדומה). 4. ווען האָט ער געליטן. 5. וואו איז דאָס פאָרגעקומען. 6. פון וועמען געליטן. 7. ראיות: עדות דאָקומענטן וכדומה. 8. גענויע פּרטים פון פאָרפאַל.

די מאַטעריאַלן האָבן אין דער סיסטעמאַטיזירטער, אָפּגעקליבענער, קאָנטראָלירטער, באַשטעטיקטער פון עדות און באַאַרבעטער פאָרם געבילדעט זעקס גרויסע טעקעס. פון זיי 1 מיט מאַטעריאַלן וועגן דעם אַלגעמיינעם גאַנג פון די עקסצעסן און מיט די סומירטע מעמאָראַנדומס און 5 מיט רעגיסטראַציעס, בקשות און אַנדערע דאָקומענטן פון די געליטענע גופא אין ווילנע און פּראָווינץ. צוזאַמען האָבן די זעקס טעקעס אַנטהאַלטן 988 דאָקומענטן וועגן הריגות, רויבערייען, נגישות, גזילות, שלאָגן, באַליידיקונגען, היזקות, געשעענישן אויף די וועגן א. א., אין וועלכע ס'האָבן זיך לויט די אָנגאַבעס פון די געליטענע און עדות באַטייליקט מיליטערלייט, זשאַנדאַרמען, מיליציאָנערן, סתם באַוואָפנטע פּערזאָנען, שייגאָצים, באַנדעס, ציווילע שכנים פון די הויפן וכדומה.

דאָס גרויסע יורידישע ביוראָ (יורידישע קאָמיסיע) האָט עקסיסטירט דריי חדשים און נאָכן אָפּטאָן איר אַרבעט און צוגרייטן די מאַטעריאַלן איז עס דעם 15-טן יוני 1919 ליקווידירט געוואָרן. ס'איז איבערגעבליבן נאָר אַ קלענערע קאָלעגיע.

אין אָקטאָבער 1920 איז ווידער געוואָרן נויטיק אַ גרעסערע יורידישע הילף צוליב די עקסצעסן קעגן יידן, וואָס זיינען פון דאָס ניי פאָרגעקומען דעם 9-טן אָקטאָבער און ווייטער (אמת, פיל קלענערע ווי אין אַפּריל 1919 און ווייניקער דויערהאַפטע) אין ווילנע און געגנט.

„יעקאָפּאָ" האָט דורך איר יורידישער קאָלעגיע ווידער אויסגעאַרבעט אַ פראַגע-בויגן פון פאָלגנדן אינהאַלט:

1\. פאַמיליע, נאָמען, פאָטערס נאָמען און עלטער פון געליטענעם. 2. באַשעפטיקונג. 3. אדרעס (שטאָט, גאַס, הויף, וואוינונג). 4. אָרט, וואו דער אָנפאַל איז פאָרגעקומען, שטאָט, גאַס, הויף, וואוינונג און דאַטע. 5. ווער האָט געמאַכט דעם אָנפאַל (פאַמיליע און נעמען פון די אָנפאַלער; אויב מיליטער — נומ' פון פּאָלק, ראָטע). 6. באַגזלט (גענוי אָנווייזן דעם געגנשטאַנד און ווערט). 7. חרוב געמאַכט (גענוי אָנווייזן דעם געגנשטאַנד און ווערט). 8. דער אַלגעמיינער היזק באַטרעפט. 9. דערהרגעט (נאָמען, פאַמיליע, אויף וועלכן אופן). 10. געשלאָגן (ווי, מיט וואָס, אויב עס איז מעגלעך פאָטאָגראַפירן די וואונדן). 11. אַנדערע געוואַלט-מעשים. 12. ראיות: דאָקומענטן וכדומה. אונטערשריפט פון געליטענעם. אונטערשריפט פון עדות און זייערע אדרעסן

און האָט געזאַמלט און באַאַרבעט די מאַטעריאַלן פאַר דער אויספאָרשונגס-קאָמיסיע, וואָס איז באַשטימט געוואָרן פון דער מאַכט.

ביים געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ" איז שוין פאַרבליבן אויך אויף ווייטער אַ יורידישע אָפּטיילונג מיט אַן אייגענעם שטענדיקן יוריס-קאָנסולט בראש (צייטנווייז אויך מיט אַ קאָלעגיע פון יוריסטן), וועלכע האָט געגעבן פאַרשיידנאַרטיקע יורידישע הילף אין שטאָט און פּראָווינץ און האָט אַנטוויקלט אַ באַדייטנדיקע טעטיקייט אין משך פון לאַנגע יאָרן (ז. ווייטער ז. 25—41 א. א.).

אַלס יוריס-קאָנסולטן פון „יעקאָפּאָ" האָבן געאַרבעט אין פאַרשיידענע צייטן די אַדוואָקאַטן ש. אייגעל (ביז 1920), י. יאָכוועד, ב. רובאַשעוו און מ. א. זאַקאָן. דער אַדוואָקאַט י. יאָכוועד האָט געאַרבעט די גאַנצע צייט פון 1920, אייניקע יאָר צוזאַמען מיט ב. רובאַשעוו און דערנאָך מיט מ. א. זאַקאָן, ביז 1925, ווען די יורידישע אָפּטיילונג איז רעאָרגאַניזירט געוואָרן און האָט פונקציאָנירט נאָר פון צייט צו צייט.

*

גלייכצייטיק מיט די שטורמדיקע און בלוטיקע אַפּריל-טעג 1919 האָבן זיך אָבער אויך געעפנט די גרעניצן און ס'האָט אָנגעהויבן אָנצוקומען די גרויסע אַמעריקאַנער הילף.

נאָך דער רוסלענדישער „יעקאָפּאָ" האָט דער אַמעריקאַנער „דזשוינט" (ד. ד. ק.) באַוויזן אַ ביישפּיל פון אַ גראַנדיעזער הילפס-טעטיקייט, וואָס האָט ניט זיין גלייכן אין דער געשיכטע.

אין ווילנער געגנט האָט דער ד. ד. ק. געפירט זיין גאַנצע אַרבעט דורך דעם געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ“, וועלכער האָט אַנטוויקלט אַ זייער גרויסע טעטיקייט אויף אַלע געביטן פון הילף און אויפבוי און האָט אָרגאַניזירט די גאַנצע פּראָווינץ. ער האָט פאַרווירקלעכט דעם געדאַנק, וואָס איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן נאָך אויף דער ערשטער גרינדונגס-זיצונג פון געגנט-קאָמיטעט וועגן אַ באַראַטונג פון די טוער, צונויפרופנדיק אויף ברייטע דעמאָקראַטישע יסודות אין סעפּטעמבער 1919 די ערשטע אַלגעמיינע קאָנפערענץ פון אַלע קהילות און קאָמיטעטן פון דער פּראָווינץ, וועלכע האָט זיך זייער גוט איינגעגעבן און האָט געלייגט דעם גרונטשטיין צו דער גאַנצער ווייטערדיקער אָרגאַניזאַציע.

פון די געדרוקטע באַריכטן, וואָס „יעקאָפּאָ“ האָט אַרויסגעגעבן (זע ז. 345, 964, 966) איז צו זען, אַז אין ערשטן פּעריאָד (פון 16 פעברואַר ביזן 1 סעפּטעמבער 1919) איז געגעבן געוואָרן אַלגעמיינע הילף 62 פּונקטן; ספּעציעל אויף גמילות-חסדים און ליי-קאַסעס האָבן באַקומען שטיצע 13 פּונקטן; אויף קינדערקיכן און פאָלקסקיכן—11 פּונקטן; אויף אויסצוקויפן דעם קינדער-ראַציאָן—17 פּונקטן און אויף אויסצוקויפן פּראָדוקטן און אויף ביליקע ברויט — 12 פּונקטן. דערביי האָבן פון דער אַלגעמיינער צאָל 53.718 יידישע איינוואוינער אין די דאָזיקע 62 פּונקטן באַקומען שטיצע פון „יעקאָפּאָ“ 16.584 די אָממערסטן נויטבאַדערפטיקע.

אין צווייטן פּעריאָד (1 סעפּטעמבער 1919 ביזן 31 דעצעמבער 1919) האָבן באַקומען סיסטעמאַטישע אונטערשטיצונגען לויט מאָנאַטלעכע ביודזשעטן 118 פּונקטן אויף פאָלגנדע נויטן: דערנערונג, קינדער-דערנערונג, האָלץ און אויפבויאונג פון די חורבנות, קולטורעלע ענינים (פאָלקסשולן, ביכער, ביבליאָטעקן, אַנשטאַלטן), מעדיציניש-סאַניטאַרע הילף, ליי- און שפּאָר-קאַסעס, גמילות-חסדים-קאַסעס, קאָאָפּעראַטיוון.

אין דריטן פּעריאָד (1 יאַנואַר 1920 ביז 30 יוני 1920) האָט די צאָל פּונקטן, וואָס זיינען סיסטעמאַטיש געשטיצט געוואָרן פון „יעקאָפּאָ“, דערגרייכט 153 און צו די אויבנאָנגערופענע ביודזשעט-פּאָזיציעס זיינען נאָך צוגעקומען: מלאכה, קהלשע הצטרכותן (צרכי צבור), היימלאָזע, פאַרשיידענע אַנדערע מינים הילף.

די ליניע, וועלכע „יעקאָפּאָ“ האָט געפירט אין איר הילפס-טעטיקייט, איז שוין פעסטגעשטעלט געוואָרן אויף די ערשטע זיצונגען פון געגנט-קאָמיטעט



אין דורכאויס פּראָדוקטיוון זין און אויף דער זיצונג פון 29—27 יוני 1919 איז זי פאָרמולירט געוואָרן בנוגע דער געגנט-הילף, ד. ה. דער פאַרשיידנאַרטיקער אַלגעמיינער הילף אין די שטעטלעך (פּונקטן) פון פּראָווינץ, אויף פאָלגנדן אופן: „ווי ווייט מעגלעך לגמרי אויסראָטן דאָס סיסטעם פון תמיכה. אומעטום אַרויסווייזן פּראָדוקטיווע הילף, באַמיען זיך גרינדן ליי- און שפּאָר-קאַסעס, קאָאָפּעראַטיוון, גמ״ח׳ן וכדומה. אַרויסרופן די זעלבסטהילף און טעטיקייט פון שטעטל גופא“. אַזאַ פּראָגראַם פאַר הילפסאַרבעט אין יענע צייטן איז שוין געווען פאַר זיך אַליין אַ גרויסער אויפטוי.

וואָס ווייטער איז צו דער הילפס-אַרבעט אַלץ מער צוגעקומען די אויפבוי-אַרבעט, ווי ס׳איז גענויער געשילדערט אין די ווייטערדיקע אַרטיקלען.

ס׳איז אינטערעסאַנט צו ברענגען די רשימה (לויטן א״ב) פון די אַלע 195 פּונקטן — שטעטלעך און ישובים — וואו „יעקאָפּאָ“ האָט געפירט איר טעטיקייט אין משך פון די יאָרן 1930—1919 ביי פאַרשיידענע מאַכטן און פאַרשיידענע צייטן:

אושאַץ, איוואַנסק, איוויע, אָראַן, אָלשאַן, איוועניעץ, אָלקעניק, אָסטרין, איגנאַלינע, איישישאָק, אָשמענע, אָסטראָוויעץ, אָרלאָווע, אַנדריאַלישעק, אָפּסע, איליע, אינטורעק, בוטרימאַנץ, בעזדאַן, באָרון, ביסטריץ, בעליצע, בינאַקאָן, באַריסאָוויקע, באָסטון, בורצלאַוו, בוטווידז, בראַצלאַוו, גאַראַנאָוויטש, באָגוסלאַווישעק, באַבינעץ, ביטען, גיר, געדרויץ, געלוואַן, גאַמעל, גוראַגאַי, גערוויאַט, גלובאָקע, דעוויעניִשאָק, דאָווגעלישאָק, דוקשט, דאַלהינאָוו, דרויע, דויג, דווינסק, דובינעק, דיסנע, דונילאָוויטש, דעקשנע, דאָקשיץ, דרויסק, דובינאָווע, דעליאַטיטש, דובראָווע, דריסוויאַט, דערעטשין, האָלוביטש, האַראַדישטש, האַראַדאָק, הינוטשישאָק, הערמאַנאָוויטש, האָראָדזיי, האָנושישעק, וויאַזין, ווילנע, וואָרניאַן, וואָראָנאָווע, ווילייקע, ווישנעווע, וידז, וואָלמע, וואָלאָזשין, וואַסילישאָק, וויסאָקי-דוואָר, וועליסאַן, וואָראָנעץ, זאַסקעוויטש, זשופּראַן, זשירמון, זשעלודאָק, זיעלאָנקע, זאַברעזיע, טורגעל, טורעץ, טראַב, טראָק, טאַבאַרישעק, טאַוראַגען, יאַנישעק, יאַשון, יוראַטישעק, יערעמיטש, יעווייע, יעזנע, לוזשקי, לעבעדעווע, לינגמיאַן, ליפּנישעק, לייביישעק, לייפון, לאַנדוואַראָווע, ליובטש, לידע, ליגומים, לעפּעל, מעדוועדיצע, מערעטש, מיאָדל, מיכאַלישעק, מאָלאָדעטשנע, מאָזשייקעי, מישאַגאָלע, מאַרצינקאָנצי, מיצקון, מיר, מינסק, מאָליאַט, מעדניק, מוסניק, מאַצילישקע, נאָוואָגרודאָק, ניי-סווענציאַן, נייסטאַט, נאַליבאָק, ניקאָלאַיעוו, ניי-ווילייסק, נעמענטשין, נאָווי-דוואָר, ניוואָקי, ניי-סווערזשען, ניעמעזש, נאַווימוש, סווירי, סאָל, סאָלעטשניק, סווענציאַן, סעליוו, סאַב.-קינצי, סובאַטניק, סטאַקלישעק, סטאָלאָוויץ, סנאָוו, סימעלישעק, סטאַיאַטישעק, סמאָרגאָן, סאָסענקע, סלאָבאָדקע, סטויבץ, סלאָנים, פּאָסטאַוו, פּליסע, פּאָנאַכישעק, פּאָדבראָדז, פּאָרבערעזיע, פּאָהאָסט, פּאָסאָמאָוויע, פּאָלאָנקע, פּערעבראָד, פּאָרזעלויע, קובליץ, קאַלטיניאַן, קאָנוואַלישעק, קעמעלישעק,





קורעניץ, קריוויטש, קאָבילניק, קענע, קאָמאַי, קאַרעליטש, קרעווע, קריסק, קאָמען, קראַסנע, קראָשין, קאָסאָווע, קאָבאַק, ראָדון, רימשאַן, רודאָמין, רודזישעק, ראָזשאַנקע, ריקאָין, ראַקאָוו, רעטשקע, ראָדאָשקאָוויטש, ראָטניצע, שטשוטשין, שאַרקאָווטשיזנע, שומסק, שירווינט, שומעלישעק, שעשאָל.

אייניקע פון די פּונקטן זיינען געשטיצט געוואָרן נאָר אַ קירצערע צייט, אָפּהענגיק פון דער מאַכט, וועלכע האָט זיך געפונען אין ווילנער געגנט אין די פאַרשיידענע פּעריאָדן פ׳ן 1920—1919. אייניקע זיינען פון אָקטאָבער 1920 אָפּגעפאַלן, ווייל זיי זיינען פאַרבליבן אויף יענער זייט גרעניץ, — דער גרעסטער טייל איז אָבער פאַרבליבן אין טעטיקייטס-ראַיאָן פון געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ“ אין ווילנע די גאַנצע צייט ביז אין יאָר 1931 אַריין (פאַרגלייך די רשימות אויף ז. 573—572 און 557—566).

*

די אומזיסט-מיטלען, מיט וועלכע „יעקאָפּאָ“ האָט אָפּערירט אין משך פון זיין טעטיקייט פאַר די יאָרן 1930—1919, האָבן באַטראָפן בערך 1.500.000 דאָלאַר, פון זיי זיינען בערך 1.000.000 דאָלאַר אויסגעגעבן געוואָרן אויף פאַרשיידענע מינים הילף און אויפבוי. די איבעריקע געהערן צו די אָפּעראַציעס פון די אַמעריקאַנער אָנווייזונגען און טשעקן אויף אינקאַסאָ, צוריקצאָלונגען וכדומה. די מיטלען האָט „יעקאָפּאָ“ באַקומען אין ווייט גרעסטן טייל פון דזשוינט (ד.ד.ק.), אויף געוויסע אַקציעס — אויך פון יק״אַ, לאָנדאָנער אוקראַינער קאָמיטעט, אייגענע זאַמלונגען א. א. (ז. ווייטער די גענויע פינאַנסיעלע באַריכטן ז. 1053—1039).

אין די סומען גייען נ י ט אַריין די מיטלען, וואָס זיינען געזאַמלט געוואָרן פון די אָרטיקע קאָמיטעטן גופא פאַר די נויטן פון די שטעטלעך. ס׳גייען אויך נ י ט אַריין די אַמעריקאַנער קרובים-געלטער, וואָס זיינען איבערגעשיקט געוואָרן דורך דער „היאַס“-אָפּטיילונג פון „יעקאָפּאָ“ אין די יאָרן 1924—1921 אין דער אַלגעמיינער סומע פון 78.855.43 דאָלאַר (זע ז. 119); ווייטער גייען נ י ט אַריין די סומעס פון דער עמיגראַציע-אָפּטיילונג פון יאָר 1926 אָן, ווען זי איז רעאָרגאַניזירט געוואָרן אַלס אָפּטיילונג פון „יעאַס“ אין וואַרשע (זע ווייטער ז. 303—280) און שפּעטער פאַראייניקט מיט „היאַס-יק״אַ-עמיגדירעקט“ („היקעם“) און ס׳גייען אויך נ י ט אַריין די אומזאַצן פון ביכערלאַגער פון „יעקאָפּאָ“ פון יאָר 1925 אָן, ווען ער האָט אָנגעהויבן צו פונקציאָנירן אַלס זעלבסטשטענדיקע קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונג (זע ז. 344) ביים קאָמיטעט „יעקאָפּאָ“

ביז זיין ליקווידירונג אַלס אַזעלכע דעם 1-טן יאַנואַר 1931 (זע די גענויע פינאַנסיעלע באַריכטן ז. 1.054 און ווייטער).

•

פאַר די צוועלף יאָר טעטיקייט (1930–1919) איז דער געגנט-קאָמיטעט "יעקאָפאָ" אין ווילנע געשטאַנען אין ענגסטער פאַרבינדונג ביי דער אַרבעט מיט די גרעסטע יידישע צענטראַלע הילפס-אָרגאַניזאַציעס אין וועלט-מאַסשטאַב, ווי דער „דזשוינט דיסטריביושן קאָמיטעט" (דזשוינט, ד. ד. ק.), „היאַס" און יק"אַ, טיילווייז אויך מיטן לאָנדאָנער אוקראַינער קאָמיטעט, און דורך „יעאַס" אויך מיטן „היקעם". די גאַנצע טעטיקייט פון די דאָזיקע אָרגאַניזאַציעס אין ווילנער געגנט איז געפירט געוואָרן דורך „יעקאָפאָ" און זייערע טוער האָבן זיך געפונען אין אַ שטענדיקן קאָנטאַקט מיט „יעקאָפאָ". די טוער פון „יעקאָפאָ", ווידער, פלעגן שטענדיק זיין פאַרטראַטן אויף אַלע באַטרעפנדע באַראַטונגען און קאָנפערענצן, קאָמיטעטן און פאַרשטייערשאַפטן פון די אָנגערופענע אָרגאַניזאַציעס. דערהויפט פון ד. ד. ק. און היאַס.

די פראָבלעם פון מענטשן ביי דער אַרבעט איז גלייכצייטיק געווען אויך די פראָבלעם פון די אָרגאַניזאַציעס גופא און פאַראיינס אויך פון דעם כאַראַקטער און פאַרנעם פון דער אַרבעט.

יעדערע פון די אָרגאַניזאַציעס האָט געהאַט איר פנים, איר אופן פון באַנעמען די אַרבעט און אירע טוער און מענטשן. דער געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפאָ" איז געגאַנגען מיט זיין וועג, האָט זיך אָבער געמוזט אין זיין טעטיקייט באַגעגענען מיט די מענטשן פון די אָרגאַניזאַציעס און ניט איינמאָל אויסשטיין אַ פרינציפיעלן קאַמף פאַר די מעטאָדן און אידעען פון דער אַרבעט און פאַר איר געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער.

דערהויפט נאָענט און אָפט איז געווען די באַרירונג מיטן ד. ד. ק.

דער ד. ד. ק. איז געקומען דער ערשטער און האָט שוין געפונען „יעקאָפאָ" אַלס אַ פאַרטיקע אַלגעמיינע אָרגאַניזאַציע מיט אַן אויסגעפרובטן אַפאַראַט און בולט-געזעלשאַפטלעכן צוגאַנג צו דער אַרבעט, וועלכע איז שוין געפירט געוואָרן אין אַ ברייטן מאַסשטאַב און האָט געהאַט גענוג דערפאַרונג און טראַדיציעס פון די פריערדיקע טעטיקייטס-יאָרן. קיין בעסערע פאַרבינדונגען מיט אַלע שטעט און שטעטלעך פון געגנט, ווי „יעקאָפאָ" האָט געשאַפן, האָבן ניט געקענט זיין און פאַרן ד. ד. ק. איז



דאָ געווען אינגאַנצן איבעריק צו גרינדן וועלכע ניט איז אייגענע און נייע אַפאַראַטן, וואָס וואָלטן אויך ניט געפונען קיין אָפקלאַנג אין דער געזעלשאַפטלעכקייט און וואָלטן ניט געהאָלפן דער אַרבעט, נאָר איר געשטערט.

ווען ער האָט עס שפעטער אַ געוויסע צייט געפרובט אָדער געמוזט טאָן צוליב זיין אָרגאַניזאַציע אין פוילן, האָט עס דאָ קיין שום ערפאָלג ניט געהאַט, האָט ניט געווירקט אויף דער אַרבעט, האָט בלויז אַרויסגערופן קאָנפליקטן און באַגעגנט אַ ווידערשטאַנד און איז גאַנץ גיך ליקווידירט געוואָרן אַלס אומנוצלעכער און ניט אָנגענעמער עפיזאָד. אַנדערש איז געווען, ווען דער ד. ד. ק. האָט, ווידער אַמאָל צוליב זיין אָרגאַניזאַציע אין פוילן, געהאַט אין די צייטן פון דער מאַסן-אַרבעט פאַר די היימלאָזע זיינעם אַ פאַרטרעטער — דעם געוועזענעם באַפולמעכטיקטן פון „יעקאָפאָ" י. ווערניק אין ווילנע, וועלכער האָט האַרמאָניש מיטגעאַרבעט מיטן געגנט-קאָמיטעט אין קאָמיטעט גופא, אָבער אויך דער אַמט האָט ניט איבעריקס לאַנג געדויערט.

דער ד. ד. ק. האָט עס אַלץ גאַנץ גוט פאַרשטאַנען און להיפך צו די איבעריקע געגנטן אין פוילן, וואו ער האָט אַזאַ אָרגאַניזאַציע ניט געפונען, האָט ער דאָ גלייך פון אָנהויב סובסידירט די טעטיקייט פון „יעקאָפאָ", וועלכע ער האָט אָנערקענט און וועלכע איז אַוועק שוין לכתחילה אויף פראָדוקטיווע וועגן, וואָס זיינען ערשט מיט יאָרן שפעטער אויפגענומען געוואָרן אין די איבעריקע טיילן פון פוילן: די גאַנצע קאָאָפעראַטיווע באַוועגונג און אַלע אַנדערע פאָרמען פון פראָדוקטיווער הילף אָדער דאָס גאַנצע יידישע שולוועזן און קולטורעלע בויאונג איז אויסגעוואַקסן אויפן באָדן פון ווילנער געגנט אַלס אַוואַנגאַרד פאַרן גאַנצן איבעריקן פוילן. זייער נעץ איז דאָ נאָך ביי היינטיקן טאָג געדיכטער ווי וואו ניט איז אַנדערשוואו, אויף אַזאַ אופן, אַז ס'איז כמעט ניטאָ קיין איין פונקט אין ווילנער געגנט, וואו ס'זאָל ניט זיין קיין קאָאָפעראַטיווע פאָלקסבאַנק, קיין יידישע אָדער העברעאישע שול און אַ גאַנצע ריי אַנדערע ווירטשאַפטלעכע אָדער קולטורעלע מוסדים און דאָס אַלץ ביי אַ מצב, ווען אין ווילנער געגנט איז פאַר די גאַנצע צייט ניט געווען קיין איין עקאָנאָמיש-גוטער יאָר און די געגנט פאַרמאָגט ניט וועלכע ניט איז גרעסערע פונקטן.

דערצו נאָך האָט זייער פיל געשאַדט דעם גאַנצן אויפבוי פון דער





יידישער געזעלשאַפטלעכקייט דער פאַקט, וואָס דאָס איבעריקע גרויסע יידישע פוילן, פיל רייכערע און שטאַרקערע, איז געזעלשאַפטלעך געווען באַדייטנד אָפגעשטאַנענער פון דער קליינער, אָרעמער און שוואַכער ווילנער געגנט. און בעת די ווילנער געגנט איז שוין אין יאָר 1919 (און נאָך פריער) געווען געזעלשאַפטלעך גוט-אָרגאַניזירט, איז די יידישע באַפעלקערונג אין איבעריקן פוילן אינגאַנצן ניט געווען אָרגאַניזירט פאַר אַלגעמיינער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. אויף אַזאַ מין אופן, ווי „יעקאָפאָ", — ד. ה. איין צענטראַלע אָרגאַניזאַציע, אָן קיינע שום פאָליטישע טענדענצן, פאַר די אַלגעמיינע הילף- און אויפבוי-ענינים, — האָט זי אויך שפעטער ניט באַוויזן זיך צו אָרגאַניזירן און צו שאַפן און איז אַזוי פאַרבליבן ניט אָרגאַניזירט ביז אויף היינטיקן טאָג. די ווילנער געגנט איז אַלזאָ צום באַדויערן פאַרבליבן אין דער הינזיכט איזאָלירט און דאָס האָט אויך ווייטער געמוזט שטאַרק אָפשוואַכן איר אייגענע אָרגאַניזאַציע. די דאָזיקע ניט אָרגאַניזירטקייט פון דער יידישער באַפעלקערונג אין איבעריקן פוילן האָט גוואַלטיק פאַרשווערט יעדן געזעלשאַפטלעכן קאַמף מיט אָנפירערשאַפטן פון אויסן, האָט ניט דערלאָזן צו קיין גרעסערע אויפטוען אין צענטראַלן מאַסשטאַב, האָט אונטערגעהאַקט די זעלבשטענדיקע אַנטוויקלונג דאָרט, וואו זי איז געווען און האָט, ענדלעך, געשטערט אָדער אַפילו געמאַכט אוממעגלעך צו פאַרפעסטיקן זיך אויף שטענדיק און אויף אַזאַ אופן, אַז ס'זאָלן דאָ בכלל ווערן אויסגעשלאָסן יעדע אָרגאַניזאַציאָנעלע מעגלעכקייטן פון אויסלענדישע אָרגאַניזאַציעס אָנשטאָט דער אָרטיקער געזעלשאַפטלעכקייט.

די געשיכטע פון דאָזיקן מצב, וועלכער וואָלט גאָר ניט געווען מעגלעך ביי דער פריערדיקער יידיש-רוסישער געזעלשאַפטלעכקייט און וועלכע אילוסטרירט אָנמאַכט און פעלן פון אַ צענטראַלער אידעע, וואָס האָט זיך נוקם געווען אויף דער גאַנצער אַרבעט ביז אין יאָר 1931 אַריין און ווייטער, וואָלט געפאָדערט אַ באַזונדערע אָפהאַנדלונג.

אירע וואָרצלען ציען זיך פון יאָר 1919. די שולד טראָגט דאָ ניט דער ד. ד. ק. און אַנדערע (דער ד. ד. ק. האָט אַפילו שפעטער מיטגעהאָלפן צו שאַפן אייניקע גרעסערע געזעלשאַפטן אין פוילן, ווי „טאָז" און „צענטאָס"— יתומים-פאַרבאַנד. „אָרט" און „אָזע" האָבן זיך, נאַטירלעך, אַליין אָרגאַני-

זירט. „אָזע“ איז דערנאָך אַריין אין „טאָז“. אין אויסלאַנד איז זי פאַרבליבן „אָזע“. „יעאָס“ איז אָפּהענגיק פון „היקעם“), נאָר אויסשליסלעך די יידיש-פוילישע געזעלשאַפטלעכקייט אַליין. דער געשילדערטער מצב פון דער אַרבעט אין ווילנער געגנט באַשטעטיקט עס גענוג בולט.

אַז דער ד. ד. ק. איז געקומען דער ערשטער גלייך נאָך די אַפּריל-טעג 1919, האָט מיט זיין טעטיקייט אָנגעפירט ד״ר ב. באָגען (זע ווייטער ז. 597—600 און 720—722). אַ מענטש מיט אַ ברייטן רוסישן פאַרנעם, זייער אַ קלוגער און מיט אַן אָנגענעמען שמייכל, מיט אַ גוטער האַרץ און דערקוויקנדן גלייכווערטל, — האָט ער זייער פיל אויפגעטאָן אין יענע שווערע צייטן. שפּעטער האָט ער אַראָפּגעבראַכט פון אַמעריקע גאַנצע שטאַבן („יוניטן“) אייגענע מיטאַרבעטער אין מיליטערישע קליידער און האָט געפּרובט אָרגאַניזירן די אַרבעט אין גאַנץ פוילן, וואו, ווי אויבן געזאָגט, איז די אָרגאַניזיר-פראַגע פון אָנהויב אָן און תמיד געווען אַ האַרבער ענין. ס׳איז נאָך פריש אין זכרון דער אָרגאַניזאַציע-פּלאַן, וואָס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אין אַמעריקע פאַר פוילן, איז פאָרגעשטעלט געוואָרן אין וואַרשע אין יאַנואַר 1920 און איז באַוואוסט געוואָרן אונטערן נאָמען „קייקעלעך“, צוליב דעם, וואָס ער איז אויפגעצייכנט געוואָרן אויף אַ קאַרטע און פאַר יעדן ראַיאָן איז באַשטימט געווען אַ קייקעלע מיט אַן אַמעריקאַנער פאַרטרעטער אין דער מיטן. לויט דעם דאָזיקן פּלאַן האָבן בדאַרפט געגרינדעט ווערן: אַ צענטראַלע ביים ד. ד. ק.-קאָמיטעט אין וואַרשע פון 15 פאַרשטייער צו 3 פון ליטע, גאַליציע, וואָלין, פוילן (ביידע טיילן: וואַרשע—לובלין). יעדער איינער פון די 5 געביטן האָט געדאַרפט האָבן 20 הויפּט-קאָמיטעטן, וועלכע האָבן פון זייער זייט 20 קרייז-קאָמיטעטן, וועלכע האָבן 20 אָרטיקע קאָמיטעטן. אין יעדן הויפּט-קאָמיטעט זאָל זיך געפינען אַן אַמעריקאַנער פאַרשטייער. די 3 פאַרשטייער פון יעדן געביט דאַרפן געהערן צו די גרופּעס: אָרטאָדאָקסיע, בורזשואַזיע, אַרבעטער.

דער דעמאָלטיקער פאַרשטייער פון אַמעריקאַנער קאָמיטעט אין וואַרשע, לייטענאַנט גערשטענזאַנג, האָט געפּרובט צונויפרופן אַ באַראַטונג לויט דעם דאָזיקן פּרינציפּ, אָבער ניט קיין געוויילטע, נאָר אַ באַשטימטע, מחמת ס׳איז ניט געווען קיין גאַראַנטיע, אַז די אויסגעוויילטע זאָלן זיין פון די דריי גרופּעס.



די באַראַטונג איז אָבער דעמאָלט ניט צושטאַנדגעקומען, ווייל מען האָט ניט געוואָלט גיין אין אַ באַשטימטן קאָמיטעט, — שפּעטער אָבער, ביז אויף היינטיקן טאָג, האָט מען אויף דעם מוותר געווען און מען האָט גערן אָנגענומען נאָמינאַציעס.

דעם געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ“ האָט דער גאַנצער ענין ווייניק וואָס אָנגערירט און ס׳האָט אים אויך ניט געקימערט. ער האָט דאָן, אויף דער זיצונג פון 28 יאַנואַר 1920, בלויז אָנגענומען פאָלגנדע רעזאָלוציע: „בנוגע די אַמעריקאַנער פּלענער זאָגט זיך דער קאָמיטעט אַרויס אין דעם זין, אַז פּלענער פון דער הילפסאַקציע דאַרפן ווערן אויסגעאַרבעט און אָנגענומען אויף באַראַטונגען פון געקליבענע פאַרשטייער פון די ערטער צוזאַמען מיט דעם וואַרשעווער ד. ד. ק.-קאָמיטעט“.

די אַלע אָרגאַניזאַציע-פּלענער האָבן ניט איבערגעלאָזן קיין שפּורן. אַ טייל פון זיי האָט דער ד. ד. ק. דורכגעפירט אין די איבעריקע געגנטן פון פוילן, זיינען אָבער סוף כל סוף פאַרשוואונדן און אויף זייער אָרט זיינען אַנטשטאַנען אַ גאַנצע ריי צוברעקלטע געזעלשאַפטן און מוסדים. דאָסזעלבע איז געווען אין וואַרשע גופא, מער ניט דאָרט זיינען נאָך ביז אויף היינטיקן טאָג פאַרבליבן פאַרטרעטער פון ד. ד. ק.

אַ פּאָר מאָל האָט נאָך דער ד. ד. ק. געפּרובט אָרגאַניזירן גרעסערע אַלגעמיינע קאָמיטעטן פאַר פוילן, ווי דעם גרויסן אויפבוי-קאָמיטעט פון קאָנסטרוקטיוון דעפּאַרטאַמענט פון ד. ד. ק. בראש מיט זיין דירעקטאָר, דעם זייער פּעאיקן אַלכּסנדר לאַנדעסקאָ און זיין געהילף ה׳ פריינד (ז. „אונזער הילף“ 1921 נומ׳ 6 און 1922 נומ׳ 8—10) א. א., נאָר ס׳האָט זיך ניט איינגעגעבן.

די מענטשן האָבן זיך ניט ריכטיק פאַרשטאַנען און דער עיקר — דער באָדן איז ניט געווען צוגעגרייט פון פריער. ס׳האָט געפעלט די אייגענע אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל זיין געשאַפן נאַטירלעך, פון זיך אַליין, אָבער ניט פון אויסן און וואָס זאָל שוין האָבן וואָס אויפגעטאָן מיט אייגענע כוחות.

און אַזוי האָט זיך דער ד. ד. ק. אָפּגעזאָגט פון גרויסע אָרגאַניזאַציאָנעלע און קאָנסטרוקטיווע פּלענער, וועלכע האָבן זיך אין די יאָרן 1921—1922 אויסגעגעדריקט אין שאַפן אַ גאַנצע ריי דעפּאַרטאַמענטן פאַר פאַרשיידענע ספּעציעלע מינים אַרבעט, וואָס האָבן אָנגעהאַלטן אַ פּאָר יאָר און וואָס אייניקע פון זיי



האָבן געאַרבעט גאַנץ אינטענסיוו, אַנדערע ווידער מיט גרויסע פאַרשפּעטיקונגען און אומאויפהערלעכע הכנות.

צו יענער צייט האָט זיך בראש פון ד. ד. ק. אין אייראָפּע געשטעלט ד״ר בערנאַרד כהן (ז. ווייטער ז. 761—763), אַ באַקאַנטער כלל-טוער, וועלכער האָט נאָך, אַגב, סוף 1915, אין דעם ערשטן יאָר פון דער דייטשער אָקופּאַציע, באַזוכט ווילנע צוזאַמען מיט ד״ר פּויל נאַטאַן אַלס פאַרטרעטער פון „הילפספאַראיין“. די אַרבעט איז אינגיכן ווידער אַוועק אין אַ פאַראייניקטער, מער רואיקער און אָרגאַניזירטער פאָרם און ס׳איז אין אַלגעמיין זייער פיל אויפגעטאָן געוואָרן.

דער גרונט-פעלער פון דער גאַנצער ד. ד. ק.-אַרבעט איז אָבער געווען דער, וואָס מען האָט קיינמאָל ניט געוואוסט צי די אַרבעט וועט ווערן ווייטער געפירט אָדער זי ווערט איבערגעריסן, מען איז כסדר געהאַנגען אין דער לופטן און צו אָפט פלעגן קומען פאַרשיידענע ליקווידאַציע-פּלענער און דערנאָך אָרגאַניזאַציע-פּלענער, מען האָט געאַרבעט אָן אַ פעסטן באָדן אונטער די פיס און ס׳איז קיינמאָל ניט געווען די זיכערקייט, אַז די אַרבעט איז ניט קיין צייטווייליקע, אַז זי ווערט פאַרגעזעצט און דעריבער איז קיינמאָל ניט געווען קיין מעגלעכקייט און קיין ריכטיקע צייט זיך צו פאַרפעסטיקן, מען האָט ניט געטראַכט וועגן דער צוקונפט און זיך ניט פאַרזאָרגט אויף דער צוקונפט. אַ צווייטער פעלער איז געווען דאָס שיקן מענטשן פון אויסן, וואָס ניט אַלע מאָל האָט מען זיך איינער דער אַנדערן פאַרשטאַנען און וואָס האָבן געלעבט אין גאָר אַנדערע, פיל בעסערע, באַדינגונגען ווי די אָרטיקע כלל-טוער און האָבן זיך געפירט ניט תמיד צוגעפּאַסט צו די אָרטיקע תנאים און פּסיכאָלאָגיע פון דער אַרבעט.

לאָזנדיק עס אָן אַ זייט, מוז מען אָבער קאָנסטאַטירן, אַז דער ד. ד. ק. האָט קאָלאָסאַלע, אומשטערבלעכע פאַרדינסטן פאַר דער יידישער באַפעלקערונג אין פוילן און אַז זיין הילף, וואָס איז געגעבן געוואָרן דורך די אַמעריקאַנער ברידער מיט אַזאַ וואַרימער האַרץ און ברייטער האַנט, וועט אויף אייביק דערמאָנט ווערן צום גוטן אין דער געשיכטע פון מזרח-אייראָפּעאישן יידנטום.

גאָר אַן אַנדער אָרגאַניזאַציע איז געווען אין דער אַרבעט די יק״א. אייגנטלעך, איז יק״א די איינציקע יידישע אָרגאַניזאַציע, וואָס איז

אַ שטענדיקע און וואָס שטייט אויף אַ פעסטן און אומאָפּהענגיקן פינאַנסיעלן באָדן. זי לעבט ניט פון זאַמלונגען, נאָר פון די פּראָצענטן, וואָס ברענגען אירע אומבאַרירלעכע גרויסע פאָנדן. דאָס אַליין שאַפט שוין אַ גאַנץ אַנדערע אַטמאָספערע פאַר דער אַרבעט און אויך לויטן גייסט איז די אַרבעט אַ גאַנץ אַנדערע. אויב זי האָט ניט צו טאָן מיט קיין געלט-זאַמלונגען און געפינט זיך אין דער גליקלעכער לאַגע פון תמיד זיכערע ביודזשעטן און געזיכערטע מיטלען אויף פירן די אַרבעט, האָט זי אויך כמעט ניט צו טאָן מיט קיינע שום וואַלן, עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען און אַלע אַנדערע אַטריבוטן פון דער געזעלשאַפטלעכקייט. זי טוט איר אַרבעט, ווי אַ גוטע ביוראָקראַטישע מאַשין, אָן פּרסום, אָפט צו קאַלט און אויסגערעכנט, טרוקן-זאַכלעך, מיט די מעלות און חסרונות פון אַזאַ מאַשין.

אויב יק"א ווערט הויך פאַרשריען פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט, איז דער גרונט-דעפעקט פון דער דאָזיקער געזעלשאַפטלעכקייט, וואָס זי האָט ניט באַוויזן אַליין צו שאַפן (שוין אין די יאָרן פון „דזשוינט" מיט זיינע 75 מיליאָן דאָלאַר הילף פאַר אייראָפּע איז עס געווען מעגלעך) אַן אייגענעם אייזערנעם פאָנד, וואָס פון זיינע הכנסות זאָל קענען געפירט ווערן אַ שטענדיקע און זיכערע סאָציאַלע אַרבעט אויף געזעלשאַפטלעכע יסודות, ד. ה. אַ „געזעלשאַפטלעכע יק"אַ" ניט פון באַראָן הירשס ירושות, נאָר פון גרויסע פאָלקס-זאַמלונגען און מיטן אָנטייל פון פאָלק.

דער געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ" אין ווילנע האָט געהאַט צו טאָן ביי זיין אַרבעט מיט יק"אַ און מיט אירע דירעקטאָרן עמיל מאַירסאָן (זע ז. 776—778), ברידער אונגער (זע ז. 713—715) און אַנדערע און מען קען ניט קאָנסטאַטירן, אַז ס'זיינען געווען וועלכע ניט איז שוועריקייטן אָדער שטערונגען. פאַרקערט, ס'זיינען פאַראַן צו פאַרצייכענען אַ ריי פּאָזיטיווע מאָמענטן, פרייהייט אין דער טעטיקייט ביי איינמאָל אָפּגעשלאָסענע אָפּמאַכן און צוטרוי צו די טוער.

דאָס ענדערן דעם כאַראַקטער גופא פון יק"א און דעם גייסט פון איר טעטיקייט קען געשען נאָר אַלס רעזולטאַט פון אַן עוואָלוציע אין דער יידישער געזעלשאַפט און קודם-כל פון מערב-אייראָפּע.

איבעריקנס, האָט זיך יק"א די לעצטע יאָרן דערנעענטערט צו דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט (און מיט ניט



ווייניק נוצן פאַר דער אַרבעט), אַריינטרעטנדיק אין באַשטאַנד פון „פונדיישן" (דזשוינט און יק"אַ פאַר קרעדיט-הילף דער יידישער קאָאָפּעראַציע א. א.) און „היקעם" (היאַס—יק"אַ—עמיגדירעקט פאַר ענינים פון דער יידישער עמיגראַציע).

פון דער אַנדערער זייט, אָבער, איז זי זיך באַגאַנגען אַנדערש אין פוילן (די פּסיכאָלאָגישע סיבות זע אויבן), עפענענדיק אין יאָר 1931 אין לעמבערג אַ נייע אייגענע ביוראָ (פאַר לאַנדווירטשאַפטלעכע טעטיקייט און דורך הלוואות די לאַנדווירטן אין גאַליציע), הגם די עצם אַרבעט פון אַרויסגעבן די הלוואות וועט זי פירן דורך די עקספּאָזיטור פון די יידישע קאָאָפּעראַטיווע פאָלקס-בענק.

די דריטע אָרגאַניזאַציע, מיט וועלכער „יעקאָפּאָ" איז אויסגעקומען גאָר נאָענט צו טרעפן זיך אין דער אַרבעט, איז געווען „היאַס", — אַן אייגנאַרטיקע, דורכאויס פאָלקסטימלעכע, ברייט-פאַרשפרייטע יידישע אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע, וואָס האָט זייער גרויסע פאַרדינסטן פאַר די יידישע עמיגראַנטן און דער יידישער עמיגראַציע אין משך פון די לעצטע דרייסיק יאָר. דאָס איז אַ ריין-דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציע און אירע טוער האָבן אַרויסגעוויזן ביי דער אַרבעט גרויס ענערגיע, אַ ברייטן יידישלעכן פאַרנעם, אַ וואַרעמע האַרץ און אַ גוטע מענטשלעכע באַציאונג צו די צענדליקער טויזנטער פּעטענטן.

די באַציאונגען צווישן „יעקאָפּאָ" און „היאַס", וועלכע זיינען שטענדיק געווען די פריינדלעכסטע, האָבן זיך אָנגעהויבן נאָך אין יאָר 1920. אויף דער זיצונג פון דער עקזעקוטיווע פון געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ" אין ווילנע דעם 6 אַפּריל 1920 איז אָפּגעגעבן געוואָרן אַ באַריכט וועגן דער באַראַטונג, וואָס די פאָרשטייער פון „יעקאָפּאָ" (מ. שאַליט און נ. קאָוואַרסקי) האָבן אָפּגעהאַלטן אין וואַרשע מיט דער ערשטער דעלעגאַציע פון „היאַס" קיין פוילן, די ה"ה לעאָן קאַמייקע און יעקב מייזל, וועגן עמיגראַציע-ענינים און וועגן איבערגעבן די אַרבעט פון „היאַס" אויף ווילנער געגנט דעם קאָמיטעט פון „יעקאָפּאָ", וואָס איז אויך איינגיכן געשען און איז פאַרגעזעצט געוואָרן ביז אויף היינטיקן טאָג אין יאָר 1931 אַריין (זע ווייטער ז. 109—126, 280—302 א.א.; אויך די ביאָגראַפיעס פון העלד, הירשפעלד, שליוגער, לעווין-עפשטיין, קאָפּלאַנד, בערנשטיין, בענדזשאַמין א. א.).

דער לאָנדאָנער אוקראַינער קאָמיטעט בראש מיט ד"ר יאָכעלמאַן (זע זייט





872—881) איז געשטאַנען אין אַ נאָענטן קאָנטאַקט מיט „יעקאָפּאָ" אין די צייטן פון איינאָרדענען די היימלאָזע אין יאָר 1921 און ווייטער (זע ז. 71—72; 146—147 א.א.).

די דאָזיקע פערטע גרויסע אָרגאַניזאַציע, וואָס „יעקאָפּאָ" איז געקומען מיט איר אין באַרירונג ביי דער געמיינזאַמער אַרבעט, האָט אַרויסגעוויזן אַ באמת האַרציקע באַציאונג צו דעם גורל פון די היימלאָזע און רעעמיגראַנטן און דערביי איז איר צוגאַנג צו דער אַרבעט געווען אַ העכסט געזעלשאַפטלעכער און קאָנסטרוקטיווער. להיפך צו די אַנדערע אויסלענדישע אָרגאַניזאַציעס האָט זי זיך געהאַלטן ביי דעם פּרינציפּ פון אָנטרויען די אַרבעט די אָרטיקע געזעלשאַפטלעכע כחות און האָט אין ערגעץ ניט געפּרובט עפענען קיין אייגענע ביוראָען אָדער אַוועקזעצן אייגענע מענטשן. איר ברידערלעכע מיטהילף אין די שווערע צייטן וועט תמיד דערמאָנט ווערן מיט דאַנקבאַרקייט.

ס'דאַרף דאָ אויך דערמאָנט ווערן דער פאַרגעשיכטלעכער עפּיזאָד צו דער שפּעטערדיקער גרינדונג פון דער וועלט-הילף-קאָנפערענץ, מיט וועלכער „יעקאָפּאָ" איז געשטאַנען אין פאַרשיידענע געשעפטלעכע פאַרבינדונגען פון יאָר 1920 (זע ז. 123 א.א.) און ווייטער ביז איר ליקווידירונג אין יאָר 1925.

אָנהויב פעברואַר 1920 זיינען געקומען קיין ווילנע י. עפּרויקין (זע ז. 788—790) און מ. מאָדעל און האָבן אָפּגעהאַלטן אַ ריי באַראַטונגען מיטן געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ" וועגן שטיצן זייער דעלעגאַציע קיין אויסלאַנד. י. עפּרויקין האָט אויף דער זיצונג פון עקזעקוטיווע פון „יעקאָפּאָ" אין ווילנע דעם 4 פעברואַר 1920 אָפּגעגעבן אַ באַריכט וועגן אָזויגערופענעם פאַראייניקטן קאָמיטעט אין רוסלאַנד, אין וועלכן ס'זיינען אַריינגעגאַנגען דער צענטראַלער ועד פון די קהילות און די צענטראַלע אָרגאַניזאַציעס (פּעטערבורגער „יעקאָפּאָ", „אָרט" און „אָזע") און וועגן דעם, אַז ער און מאָדעל פאָרן איצט אַלס דעלעגאַטן פון פאַראייניקטן קאָמיטעט קיין וואַרשע, פּאַריז און מעגלעך אויך ניו-יאָרק וועגן אַ ריי הילפס-ענינים. אויף דער צווייטער זיצונג, דעם 7 פעברואַר 1920, האָט עפּרויקין אַנטוויקלט דעם פּלאַן פון דער דעלעגאַציע: א) אינטערווענצן ביי דער באַוועגונג פון די היימלאָזע, ב) הילף פאַר די געליטענע אין אוקראַינע, ג) פאַרזאָרגן האַנטווערקער מיט רויסטאָפן און אינסטרומענטן, ד) גרינדן אַ יידישע נאַציאָנאַלע באַנק.

די עקזעקוטיווע פון געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפאָ" אין ווילנע האָט קיין רעזאָלוציע וועגן דעם פלאַן פון דער דעלעגאַציע ניט אָנגענומען. ס'איז בלויז אָנגעוויזן געוואָרן, אַז ס'איז נויטיק אַ קאָאָרדינאַציע אין דער אַרבעט און אַז די אָנגעמערקטע פונקטן פון פלאַן זיינען שוין באַטראַכט און טיילווייז דורכגעפירט אָדער ווערן דורכגעפירט אין לעבן. דער געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפאָ" אין ווילנע, וועלכער איז שוין דאַן געווען ענג פאַרבונדן אין דער אַרבעט מיטן ד. ד. ק. און איז אַליין געוואָרן אַ זעלבשטענדיקע און אומאָפהענגיקע אָרגאַניזאַציע, האָט ניט געקענט זיך בינדן מיט רעזאָלוציעס אויף אויסלאַנד. די דעלעגאַציע איז אָפגעפאָרן און אין אָווגוסט 1920 איז אין קאַרלסבאַד געגרינדעט געוואָרן די וועלטהילף-קאָנפערענץ מיט י. עפרויקין אַלס גענעראַל-סעקרעטאַר און פאַקטישן פירער און האָט עקסיסטירט אין פאַריז פינף יאָר צייט, אַנטוויקלענדיק אַ גאַנץ פאַרשיידנאַרטיקע און באַדייטנדיקע הילפס-טעטיקייט, ניט באַווייזנדיק אָבער צו פאַרווירקלעכן די הויפט-פונקטן פון אויבנדערמאָנטן פלאַן.

*

אין די ווייטערדיקע אַרטיקלען פון פנקס ווערט געניי געשילדערט די אַרבעט פון „יעקאָפאָ" אויף פאַרשיידענע הילף- און אויפבוי-געביטן אין די יאָרן 1919—1930.

די צייט איז צום אָנהויב געווען אַ שטורמישע, דערנאָך — אַן אומרואיקע, שפעטער אַ מער כטאַביליזירטע, אָבער פול מיט ווירטשאַפטלעכע קריזיסן, וואָס הערן ניט אויף ביז אויף היינטיקן טאָג. די נאָכווייענישן פון דער וועלט-מלחמה האָבן זיך די גאַנצע צייט געלאָזן שטאַרק פילן און קענען זיך ניט באַרואיקן. זיי זיינען אָפטמאָל ניט ווייניקער גרויזאַם אין זייערע רעזולטאַטן, ווי מלחמה-אָפעראַציעס. נאָר אָנשטאָט דעם גערויש און ליאַרם פון די שיסערייען, דעם קנאַלן פון די האַרמאַטן, גראָבן זיי שטיל און פאַרבאַהאַלטן, אָבער טיף און געפערלעך, לאַנגזאַם, אָבער זיכער. ס'איז אַ פערמאַנענטע מלחמה, וואָס אירע חורבנות אין ווילנער געגנט האָבן מיר ניט אויפגעהערט אָפצובויען אין משך פון די לעצטע 12 יאָר אומאויפהערלעך און מיט דער גרעסטער אָנגעשטרענגטקייט און מאָמענטנווייז האָט זיך געדוכט, אַז מיר געפינען זיך ווידער אויף די פראָנטן, ווי אין די ערשטע „יעקאָפאָ"-צייטן.

די מענטשן — הן די, פאַר וועלכע מען האָט געטאָן והן די, וואָס האָבן געטאָן — זיינען אויסגעמאַטערט און צעבראָכן, דער ביטערער קאַמף מיט די אומשטענדן איז געווען אַ געמיינזאַמער און איז נאָך ניט פאַרענדיקט.

מען איז אַרויס פון די אָקאָפעס און טראַנשייען, די באַפעלקערונג האָט זיך גענומען צו פרידלעכער אַרבעט, די הייזער האָט מען אָפגעבויט, די גרויסע און דרינגנדע הילף און די עקשנותדיקע רעקאָנסטרוקציע האָבן געבראַכט זייערע פאָזיטיווע רעזולטאַטן. אויף די חורבות פון די מלחמות און מהומות איז אויפגעבויט געוואָרן אַ נייער לעבן. שווער אָבער איז דער דאָזיקער לעבן און ניט אַן ערך שווערער און גרויזאַמער איז ער אין דער פיל-געפרובטער און דלותדיקער ווילנער געגנט. די טוער זיינען דאָ אין משך פון די יאָרן תמיד געשטאַנען אויף באַזונדערס געפערלעכע פאָסטנס אין דער ערשטער פייער-ליניע און ביי באַזונדערס אומגינסטיקע און אומדאַנקבאַרע באַדינגונגען.

צום יאָר 1931 האָט זיך בכלל געשאַפן אַן ערנסט-דראָענדיקע לאַגע פאַר דער יידישער באַפעלקערונג אין פוילן און ספעציעל אין ווילנער געגנט. דער ווירטשאַפטלעכער קריזיס האָט זיך פאַרשאַרפט ביז גאָר, די נויט איז געוואַקסן מיט גיכע טריט, קיין בעסערע פערספעקטיוון האָבן זיך אויפן האָריזאָנט ניט געזען, און גראָד דאַן, ווען די הילף פון אויסן איז ווידער געוואָרן אַממערסטן נויטיק, האָט זי אינגאַנצן אויפגעהערט. דער גרויסער קריזיס און קראַך אין אַמעריקע און דערמיט דער וועלט-קריזיס האָט אונטערגעהאַקט די מעגלעכקייטן פון הילף. די פריוואַטע קרובים-געלטער האָבן זיך אַלץ פאַרמינערט. דער „דזשוינט" האָט כמעט ווי אינגאַנצן אָפגעשטעלט זיין שטיצע. ד"ר בערנאַרד כהן, וועלכער איז אין נאָוועמבער 1930 געפאָרן קיין אַמעריקע און האָט אונטערהאַנדלט מיטן „דזשוינט", איז געקומען פון דאָרט מיט אַ קליינעם און ניט זיכערן ביודזשעט. „היאַס" האָט נאָך פריער אויפגעהערט צו געבן זיין געלט-טייל אין „היקעם". ד"ר מ. קריינין (זע ז. 883—893) און א. בענדזשאַמין (זע ז. 722—723), וועלכע זיינען אין דעצעמבער 1930 געפאָרן קיין ניו-יאָרק אונטערהאַנדלען מיט „היאַס", האָבן דערגרייכט נאָר טיילווייזע רעזולטאַטן. בלויז יק"א האָט איר געלט-טייל אין „היקעם" ניט צוריקגעצויגן. די יידישע געזעלשאַפטלעכקייט איז געבליבן אָנגעוויזן אויף זיך אַליין און האָט זיך דערזען פאַר אַ קאַטאַסטראָפע. אין וואַרשע האָט זיך אָרגאַניזירט אַן אַלגעמיינער זאַמלונגס-קאָמיטעט פון „אָרט", „טאָז", „צענטאָס" און „יעאָס" אונטערן נאָמען „אויפבוי און זעלבסטהילף", אָבער דער שנעלער דערפאָלג פון זיינע געלט-זאַמלונגען איז געשטעלט אונטער אַ ספק. די מיטהילף פון דער רעגירונג און פון די זעלבסטפאַרוואַלטונגען האָט זיך ניט פאַרגרעסערט אָדער איז אינגאַנצן ניט געגעבן געוואָרן. די מיטלען פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג זיינען געווען אויסגעשעפט.

אין פאַרשטאַרקטן טעמפ פון פאַראָרעמונג אַלס רעזולטאַט פון די אומגעהייערע ווירטשאַפטלעכע קריזיסן (וועלטישע און אָרטיקע) און זייערע באַגלייט-ערשיינונגען, ביי דער פאָליטיש-עקאָנאָמישער באַוועגונג, אַרויסשטויסונג און איגנאָרירונג, ביים שווערן יאָך פון כלערליי שטייערן, צוואַנגס-באַשטייערונגען און אָפצאָלונגען, האָבן די יידישע געזעלשאַפטן, אינסטיטוציעס און חברות, אין געראַנגל פאַרן קיום, זיך נאָך מער געוואָרפן אויף פאַרשיידענע זאַמלונגען, נדבות, בייטראָגן און הילפסקייטן, אין שטאָט און שטעטל, פון דערוואַקסענע און אַפילו פון קינדער. ס'האָט אָבער ניט געקענט געבן קיין גרעסערע רעזולטאַטן און דער מצב פון דער נויטבאַדערפטיקער יידישער באַפעלקערונג איז געוואָרן נאָך שווערער און די זעלבסט-הילף אָפגעשוואַכטער.

אָן אַ שיעור כּוחות און ענערגיע איז אָוועקגעלייגט געוואָרן אין די לעצטע 12 יאָר אויפן געביט פון הילף און אויפבוי. זייער פיל איז אויפגעטאָן געוואָרן. די קאָלאָסאַלע אָנשטרענגונגען האָבן געבראַכט ממשותדיקע רעזולטאַטן. די געגנט איז אויפגעבויט געוואָרן. די מענטשן געראַטעוועט געוואָרן. די קינדער דערצויגן. די שטעט און שטעטלעך זיינען באַדעקט געוואָרן מיט אינסטיטוציעס פון זעלבסטהילף און רעקאָנסטרוקציע. אָבער צום יאָר 1931 הענגט ווי אַ כמאַרע אָפהענטיקייט, פאַרלאָרנקייט און דערשלאָגנקייט אויף דער יידישער גאַס און אויף דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט און ניט נאָר אויף דער יידישער. און צוועלף יאָר נאָכן סוף פון דער וועלט-מלחמה, נאָך אומאויפהערלעכער קאָנסטרוקטיווער אַרבעט און אויפבוי אויף די חורבות פון מלחמות און מהומות, דערזעט מען זיך צוריק אין דער לאַגע פון די פריערדיקע שווערע יאָרן (נאָר אין אַנדערע אויסערלעכע פאָרמען) פון נויט און האָפנונגסלאָזיקייט. די נאָכווייענישן לאָזן ניט אָפ, אָבער מען מוז זיי אַנטגילטיק גובר זיין.

אדוואָקאט
י. יאַכוועד

# יורידישע הילף



אונזער באַריכט נעמט אַרום 5 יאָר אַרבעט פון דער יורידישער אָפּטיילונג ביים געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ" אין ווילנע, ד. ה. די יאָרן 1920—1924.

דאָס זיינען געווען די ערשטע נאָך מלחמה-יאָרן, ווען די גרויסע מאַסן מענטשן, וועלכע זיינען אין אָנהויב פון מלחמה אַרויסגעוואָרפן געוואָרן פון זייערע היימען, האָבן זיך אויף אַלע מעגלעכע אַרטן און וועגן אַ לאָז געטאָן צוריק צו זייערע אַלטע ערטער. גלייכצייטיק מיט זיי האָט זיך אויך אָנגעהויבן אַ באַזונדערער שטראָם פון עמיגראַנטן, פאַר וועלכע פוילן איז געווען נאָר אַ טראַנזיט-פונקט קיין אַמעריקע און אַנדערע לענדער. די אַלע מאַסן מענטשן, דורכגייענדיק די פוילישע גרענעץ, זיינען געקומען אין באַרירונג מיט דער פוילישער מאַכט און מיט די פוילישע געזעצן; זיי האָבן באַדאַרפט זיך איינאָרדענען יורידיש: באַקומען היגע אָדער אויסלענדישע פּעסער, באַשטעטיקן זייער מלוכה-אָנגעהעריקייט, באַקומען אַריינפאָר-ערלויבנישן און אַ מעגלעכקייט זיך צו באַזעצן אין לאַנד.

אין דער זעלבער צייט זיינען דאָ פאָרגעקומען פאַרשיידענע נגישות און פאַרפאָלגונגען. עס זיינען פאָרגעקומען, אין אָנהייב פון דעם באַשריבענעם פּעריאָד, ראַבירונגען, הריגות און אַרעסטן, וועלכע זיינען געווען ענג פאַרבונדן מיט דער מלחמה אָדער נאָך-מלחמה פּעריאָד.

נאָכדעם, ווען די לאַגע האָט זיך באַפעסטיקט און עס איז געשאַפן געוואָרן אַ געוויסע זיכערקייט, איז אויסגעוואַקסן אין איר גאַנצער גרויס די פרעמדן-פראַגע, וועלכע איז נאָך ניט געלייזט געוואָרן ביז היינטיקן טאָג און וועלכע שטעלט מיט זיך פאָר אַ מין שטענדיקע געפאַר פאַר דער רואיקייט און זיכערקייט פון אַ גרויסן טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג.

גלייכצייטיק אָבער מיט די אָנגעוויזענע אומשטענדן, וועלכע האָבן געבילדעט די שאָטן-זייט פון יידישן לעבן, האָט זיך גענומען אַנטוויקלען און וואַקסן אַ געזינטערער, שאַפנדער לעבן, מיט אַ גאַנצער ריי נייע פאָדערונגען און פּראָבלעמען. די חרוב געוואָרענע ערטער האָבן זיך גענומען אויפבויען; עס האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן סמנים פון געזעלשאַפטלעכער איניציאַטיוו אין דער פאָרם פון שולן, ליי-און שפּאָר-קאַסעס, ביבליאָטעקן, קהילות א. אַז. וו.



ס'האָבן זיך אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען האַנדל און אינדוסטריע.

אָט די אַלע אויבנאָנגעוויזענע פראַגן און פּראָבלעמען האָבן נאַטירלעך געמוזט געפינען אַן אָפּקלאַנג אין דער אַרבעט פון דער יורידישער אָפּטיילונג און דעריבער איז מעגליך לויט דער כראָנאָלאָגיע פון דער אַרבעט נאָכצווייזן די אַנטוויקלונג פון די פּראָבלעמען, וועלכע האָבן געבילדעט דעם אינהאַלט פון דעם געזעלשאַפטלעכן געדאַנק און אַרבעט אין די אָנגעוויזענע 5 יאָר.

## רעפּאַטריאַציע.

די וויכטיקסטע פּראָבלעם, מיט וועלכער די יורידישע אָפּטיילונג האָט פאַר דער צייט געהאַט צו טאָן, איז געווען די פּראָבלעם פון רעפּאַטריאַציע, אָן וועלכער עס איז ענג אָנגעשלאָסן די אָנגעווייטאָגטע „פרעמדן-פראַגע".

די יורידישע הילף, וועלכע די אָפּטיילונג האָט געגעבן די רעפּאַטריאַנטן, האָט זיך אויסגעדריקט אין פאַרשיידנאַרטיקע פאָרמען. אַלס וויכטיקער פאַקטאָר איז דערביי געווען דער אומשטאַנד, וואָס דער קאָמיטעט „יעקאָפּאָ" האָט געהאַט צו זיך אַ גרויסן צוטרוי פון אַלע מאַכטן, ביי וועלכע עס האָט זיך געפונען דער גורל פון ווילנער קאַנט: פון דער פוילישער, רוסישער און ליטווישער מאַכט.

אין די יאָרן 1919 — 1921 האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אַלס יורידישע הילף פאַר רעפּאַטריאַנטן די פּערזענלעכע באַשטעטיקונגען, וועלכע די יורידישע אָפּטיילונג פלעגט אַרויסגעבן פאַר די היימלאָזע. די באַשטעטיקונגען האָבן געדינט צו צווייערליי צוועקן. אויב דער היימלאָזער איז נאָך געווען אין רוסלאַנד, האָבן די באַשטעטיקונגען באַקומען זיינע היגע קרובים, וועלכע פלעגן דאָס איבערשיקן צום היימלאָזן קיין רוסלאַנד. אין רוסלאַנד האָט די באַשטעטיקונג געהאַט די באַדייטונג, האָס די רוסישע מאַכט פלעגט אָנערקענען די בעהעריקע פּערזאָן אַלס פוילישן רעפּאַטריאַנט און פאַרשרייבן אים אין עשאַלאָן. דיזעלבע באַדייטונג האָט די באַשטעטיקונג געהאַט ביי די פוילישע קאָנסולאַטן אין רוסלאַנד. וועלכע האָבן געגעבן די אַריינפאָר-וויזע. דאָ אויפן אָרט איז אַזאַ באַשטעטיקונג געווען גילטיק אַלס פּערזענלעכער דאָקומענט אין דעם פאַל, ווען דער געקומענער היימלאָזער האָט צוליב וועלכע



ניט איז גרונטן קיין בעסערע דאָקומענטן ניט געהאַט.

נאַטירלעך, מיט דער צייט, ווען די מאַכט האָט זיך גענומען באַפעסטיקן, האָבן די באַשטעטיקונגען פון „יעקאָפּאָ" אַלס מער און מער אָנגעהויבן צו פאַרלירן זייער באַדייטונג. אָבער דאַן איז זייער נויטיקייט שוין אויך פאַרקלענערט געוואָרן, ווייל די גרעסערע מאַסן היימלאָזע זיינען שוין צוריקגעקומען אויף זייערע ערטער. אין די יאָרן, אָבער, 1919 — 1921 האָבן זיי געשפּילט זייער אַ וויכטיקע ראָלע, האָבן אַ סך היימלאָזע געגעבן די מעגלעכקייט זיך צוריקצוקערן אָדער זיך צו באַזעצן דאָ אויפן אָרט.

אין אייניקע פאַלן האָט די יורידישע הילף פאַר די היימלאָזע אָנגענומען נאָך מער אומיטלבאַרע פאָרמען אַדאַנק דעם, וואָס דער געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ" האָט זיך דערוואָרבן ביי דער מאַכט דעם נאָמען פון אַ פאַרטיידיקער פון אַלע געליטענע פון דער מלחמה. עס איז גענוג דאָ אָנצורופן די באַוואוסטע אין ווילנע „קאָוונער עשאַלאָנען", אַדאַנק וועלכע הונדערטער מענטשן, וואָס דער גורל האָט זיי פאַרוואָרפן קיין ווילנע, האָבן באַקומען אַ לעגאַלע מעגלעכקייט אַרויסצופאָרן קיין קאָוונער ליטע. דאָס איז געווען אין יאָר 1920, — און ניט נאָר די איניציאַטיוו דערצו האָט געגעבן „יעקאָפּאָ", נאָר אויך די גאַנצע רעגיסטראַציע פון די קאָוונער היימלאָזע איז געפירט געוואָרן פון זיין יורידישער אָפּטיילונג.

אַן אַנאַלאָגישע הילף איז אויך געגעבן געוואָרן אַנדערע גרופּעס היימלאָזע, וועלכע איז אויסגעקומען אויסצושטיין גרויסע שוועריקייטן ביים דורכגיין פאַרשיידענע גרעניצן. אַזוי האָט די יורידישע אָפּטיילונג אין יאָר 1921 אויסגעווירקט ביי דער פוילישער מאַכט די ערלויבעניש אַריבערצוגיין די פויליש-ליטווישע גרעניץ פאַר אַ גרופּע פון עטלעכע און פופציק פאַמיליעס, וועלכע איז געקומען פון טיפן רוסלאַנד אויף אייגענע פה"ן, און אַנשטאָט אַריינצופאָרן קיין קאָוונע, זיינען זיי געקומען קיין ווילנע. אַזוי איז אין יאָר 1922 אויסגעווירקט געוואָרן, אַז די פוילישע בירגער, וואָס אַנטלויפן פון קאָוונער ליטע, זאָלן ניט פאַרהאַלטן ווערן פון דער פוילישער מאַכט אויף דער נייטראַלער זאָנע אין קעלט און אין הונגער, ביז זיי וועלן ניט באַקומען פון ווילנע קיין אַריינפאָר-ערלויבניש, וואָס פלעגט דויערן 3 — 4 חדשים. נאָר זיי זאָלן גלייך אַריינגעלאָזן ווערן קיין פוילן און דאַן ערשט זאָל געפירט ווערן אַן אויספאָרשונג וועגן זייער מלוכה-אָנגעהעריקייט.

## טראנסעמיגראציע.

מיר באנוגענען זיך מיט די אויבנאנגעוויזענע פאלן, צוליב דעם, וואס דא האט זיך געהאנדלט וועגן גרעסערע גרופעס היימלאזע. אינדיווידועלע הילף פאר היימלאזע איז אבער אויך געגעבן געווארן אין אלע נויטיקע פאלן לויט דער מעגלעכקייט. דאסזעלבע איז אויך גילטיק פאר טראנסעמיגראנטן, וועלכע האבן זיך אפט געפונען אין אן ענלעכער לאגע ווי די היימלאזע; זייער לאגע איז אבער אפטמאל געווען פיל שווערער און הילפסלאזער צוליב דעם, וואס די טראנסעמיגראנטן פלעגן קומען אומלעגאל. דאס לאנד און זיינע מנהגים זיינען פאר זיי געווען אבסאליוט פרעמד און די מאכט פלעגט שטרעבן מיט אלע מיטלען ארויסצושיקן זיי צוריק קיין רוסלאנד. דער ציל פון די טראנסעמיגראנטן איז געווען גרעסטנטיילס דורכצופארן דורך פוילן קיין אמעריקע, דערצו אבער האבן זיי זיך באדארפט אין פוילן לעגאליזירן, ד. ה. באקומען אן ערלויבניש דא צייטווייליק צו פארבלייבן, כדי נאכדעם נאך טויזנטער פארמאליטעטן צו באקומען אן אויסלענדישן פאס. די צאל פארמאליטעטן איז געווען דערביי אזוי גרויס און האט געפאדערט אזוי פיל צייט, אז יעדער טראנסעמיגראנט האט געמוזט פארבלייבן אין פוילן מער ווי א יאר צייט, כדי צו באקומען די מעגלעכקייט ווייטער צו פארן. די מאכט, וועלכע וואלט אפשר גאר ניט געהאט קעגן א באוועגלעכער און פליסנדער טראנסעמיגראציע, ווייל דאס האט אריינגעבראכט פיל געלט אין לאנד, האט אבער געקוקט זייער קרום, ווען די טראנסעמיגראנטן פלעגט אויסקומען לאנג פארזעצן זיך אין פוילן און ניט פארן ווייטער. עס פלעגן זיך דאן אנהייבן אויך בנוגע די עמיגראנטן א ריי פארפאלגונגען און אין די אלע פאלן האט געמוזט „יעקאפא" אינטערווענירן. אלס וויכטיקע דערגרייכונג אין דער הינזיכט קאן דינען דער פאקט, וואס אין אנהייב 1922 האט זיך דער יורידישער אפטיילונג איינגעגעבן צו לעגאליזירן ביי 100 יידישע טראנסעמיגראנטן פון רוסלאנד, וועלכע עס האט געדראט צוריק ארויסגעשיקט צו ווערן און וועלכע זיינען באוואוסט געווען אונטער דעם נאמען „ראקאווער עמיגראנטן". די ווייטערדיקע ארבעט פאר די „ראקאווער עמיגראנטן" איז איבערגענומען געווארן פון דער עמיגראציע-אפטיילונג פון „יעקאפא", וועגן וואס עס איז בעגוי איבערגעגעבן אין דעם ארטיקל פון פרוי סטערניק, וועלכער ווערט געדרוקט ווייטער.



## עמיגראציע.

די יורידישע ארבעט פאר די עמיגראנטן איז געפירט געווארן צוזאמען מיט דער ווילנער אפטיילונג פון „היאס", וועלכע האט פונקציאנירט ביים בענעס-קאמיטעט „יעקאפא", אלס א טייל פון זיין עמיגראציע-אפטיילונג. די ארבעט איז געפירט געווארן הן פאר אייניאוינער פון פוילן, וועלכע האבן געוואלט עמיגרירן, הן פאר די טראנסעמיגראנטן, וועגן וועלכע עס איז גערעדט געווארן פריער. די ארבעט איז געווען זייער א שווערע און דויערנדע. יעדער עמיגראנט קיין אמעריקע האט באדארפט דורכגיין 4 פראצעדורן: 1) באקומען א פוילישן בירגער- אדער פרעמדן-פאס, 2) באקומען א וויזע פון עמיגראציע-אמט אין ווארשע, 3) באקומען אן אויסלענדישן פאס, און 4) באקומען א „נומער" פון אמעריקאנער קאנסולאט. כדי צו באקומען אן אויסלענדישן פאס, האט מען נאך באדארפט צושטעלן: 1) א צייגניש פון פאליציי וועגן פאליטישער זיכערקייט, 2) א צייגניש פון שטייער-אמט, אז אלע שטייערן זיינען פון דער באטרעפנדער פערזאן אפגעצאלט. פוילישע בירגער אין מיליטער-עלטער האבן נאך דערצו באדארפט צושטעלן אן ערלויבניש פון מיליטער-מאכט אויף ארויסצופארן.

דער נידעריקער קולטורעלער מצב פון די עמיגראנטן, זייער ניט פארשטיין די פוילישע שפראך און די גרויסע שוועריקייטן און פארמאליטעטן, וועלכע זיינען געשטעלט געווארן אויף יעדן טריט און ביי יעדן ענין, וועלכן זיי האבן באדארפט ערליידיקן ביי דער מאכט, האט געבראכט דערצו, אז די גאנצע ארבעט אין דער הינזיכט, וועלכע איז געווען אזוי קאמפליצירט און גרויס צוליב דער צאל עמיגראנטן און דער צאל פארמאליטעטן, האט געמוזט נעמען אויף זיך די יורידישע אפטיילונג פון „יעקאפא". דערביי איז די ארבעט געטאן געווארן אינגאנצן אומזיסט, ד. ה. פאר די גאנצע ארבעט האבן די עמיגראנטן ניט באדארפט צאלן, אויסער נאטירלעך די מלוכה-אפצאלן. די יורידישע אפטיילונג האט דא נאך געמוזט אנגעבן און צוזאמענשטעלן אין נאמען פון די עמיגראנטן אלע נויטיקע בקשות צו דער מאכט, באקומען פון איר אלע פעסער, צייגנישן און וויזעס, ארויסגעבן די עמיגראנטן אייגענע פערזענלעכע אויסווייזן אנשטאט די אפגענומענע פעסער א. אז. וו., אזוי, אז פאר דעם עמיגראנט איז געבליבן נאר פארן קיין ווארשע און באקומען די אנטגילטיקע וויזע, וועלכע האט אים געגעבן





די מעגלעכקייט גלייך אוועקצופארן. אזוי ארום איז אויף דעם געביט געטאן געווארן א גרויסע ארבעט, וועלכע קען אילוסטרירט ווערן מיט דער ציפער פון אומגעפער 1500 אויסלענדישע פעסער און פראלאנגאטעס.

## די הילף אויף די ערטער.

דער באריכט וועגן דער טעטיקייט פון דער יורידישער אפטיילונג אויפן געביט פון הילף פאר היימלאזע, רעפאטריאנטן און עמיגראנטן וואלט ניט געווען פול, ווען דא וואלט פארשוויגן געווארן די יורידישע הילף, וואס איז געגעבן געווארן דורך די ארטיקע קאמיטעטן פון „יעקאפא", דורך די ארטיקע קהילות און היימלאזע-ביוראען, וועלכע זיינען אלע אנגעפירט געווארן פון „יעקאפא" אין ווילנע.

אין פיל פאלן איז די הילף, וואס איז געגעבן געווארן אויף די ערטער, געווען ניט ווייניקער וויכטיג, ווי די הילף פון דער צענטראלע און האט געשפילט זייער א באדייטנדע ראליע אין דעם ווייטערדיקן גורל פון די באטרעפנדע פערזאנען. און עס איז גאר קיין וואונדער ניט: דא אין צענטער האט זיך די אינדיווידועלע הילף אויסגעדריקט אדער אין לעגאליזירן די אדער יענע פערזאן, ד. ה. שאפן פאר איר די יורידישע מעגלעכקייט אין לאנד אדער באזארגן איר מיט אן אויסלענדישן פאס, כדי זי זאלן קאנען פארן ווייטער. אין גרעסטן טייל פאלן פלעגן אבער די פערזאנען פארהאלטן ווערן אויף דער גרענעץ, ביים קומען קיין פוילן, און דאן האבן זיי זיך געפונען אין געפאר גלייך צוריקגעשיקט צו ווערן אהין, פון וואנען זיי זיינען געקומען. אט אין דעם מאמענט זיינען זיי בעקומען צו הילף די ארטיקע אנשטאלטן און זייער אפט האבן זיי דורך זייער איינפלוס דערגרייכט, אז די היימלאזע אדער עמיגראנטן זאלן ניט צוריקגעשיקט ווערן און מען זאל זיי ערלויבן צו פארן ווייטער, מען זאל זיי ניט האלטן ארעסטירט, מען זאל ביי זיי ניט צונעמען די זאכן א. אז. וו. באזונדערס האבן זיך אויף דעם געביט אויסגעצייכנט: ראקאוו, מאלאדעטשנע, ווילייקע, ניי-סווענציאן, גלובאקע.

## בירגערשאפט.

איינע פון די וויכטיקסטע פראגן, מיט וועלכע די יורידישע אפטיילונג האט בעהאט און האט נאך ביז היינט צו טאן, איז די פראגע פון פוילישער בירגערשאפט. אלס צווייגן פון דער פראגע קענען באטראכט ווערן די פרעמדן- און פאס-פראגע. אט די דריי אנגעוויזענע

פראַגן האָבן געבילדעט און בילדן נאָך איצט דעם געביט, וועלכער פאָדערט אַן אָנגעשטרענגטע יורידישע הילף, ווייל אויף קיין אַנדער געביט האָט די אַדמיניסטראַטיווע מאַכט ניט באַקומען אַזוינע ווייטגייענדע רעכט, וועלכע זי נוצט אויס אין פוילן מאָס, און אויף קיין אַנדער געביט איז ניט פאָרגעקומען אַזוי פיל אומגערעכטיקייטן.

אַלס יורידישער יסוד פון די אַלע פראַגן זיינען: דער פוילישער און מיטל-ליטווישער געזעץ וועגן בירגערשאַפט און דער רעפּאַטריאַציע-אָפּמאַך פון ריגער טראַקטאַט. מיט אָפּציע, וועלכע איז פאָרגעזען דורך דעם ריגער טראַקטאַט, האָבן מיר דאָ אין דעם קאַנט ניט געהאַט צו טאָן, ווייל דער טערמין פון אָפּטאַציע איז אויסגעגאַנגען אין איין צייט מיט דער פאַראייניקונג פון מיטל-ליטע מיט פוילן און אַלס ניט פוילישע בירגער האָט דאָך די באַפעלקערונג פון מיטל-ליטע זיך ניט געקאָנט מיט דער אָפּטאַציע באַנוצן. מיר דערמאָנען אויך ניט דעם לעצטן צירקוליאַר פון אינערן-מיניסטער וועגן פאַרלייכטערונגען ביים באַקומען פוילישע בירגערשאַפט, ווייל ער איז ערשינען ביים סוף פון דעם באַשריבענעם פעריאָד און האָט חוץ דעם ביז איצט בכלל געגעבן ביי אונז זייער ווייניק פּראַקטישע רעזולטאַטן.

די אויבנדערמאָנטע געזעצן וועגן פוילישער בירגערשאַפט האָבן אַ טענדענץ צו נעמען אין אַכט כמעט אויסשליסלעך די פערזאָנען, וועלכע זיינען פאַר דער מלחמה געווען צוגעשריבן צו די שטאַנד-ביכער פון די פוילישע געביטן. די אַדמיניסטראַטיווע פּראַקטיק האָט די טענדענץ פאַרוואַנדלט אין אַ קאָנסעקווענט-דורכגעפירטע פּאָליטיק. נאָר אין מיטל-ליטע איז אין דער הינזיכט די רעכטלעכע לאַגע געווען אַ ביסל פרייער צוליב דעם, וואָס דער דעקרעט נומ. 56 האָט געשטיצט די בירגערשאַפטס-רעכט אויך אויף אַנדערע פּרינציפּן (וואוינען 5 יאָר פאַר דער מלחמה, אָדער פון 1-טן יאַנוואַר 1918 א. אַז. וו.). דאָס האָט אָבער ווייניק געענדערט די אַלגעמיינע לאַגע, ווייל די באַדייטונג דערפון איז געווען אַ ריין לאָקאַלע. נאָר די איינוואוינער פון ווילנע, וועלכע האָבן געבראַכט דאָקומענטאַלע באַווייזן, אַז זיי האָבן געוואוינט אין ווילנע פאַר דער מלחמה 5 יאָר אָדער ניט שפּעטער פון 1-טן יאַנואַר 1918, האָבן אויסגענוצט דעם דעקרעט נומ. 56. אַנדערע ווילנער, וועלכע האָבן אַזוינע באַווייזן ניט געקאָנט צושטעלן, ווי אויך דער גאַנצער מיטל-ליטווישער פּראָווינץ,



האָט דער דעקרעט ניט געבראַכט קיין נוצן, ווייל זעלטן-וואו אין פּראָווינץ זיינען געפירט געוואָרן מעלדונגס-ביכער, און דאָרטן, וואו זיי זיינען אַ מאָל יאָ געפירט געוואָרן, זיינען זיי אין מלחמה-צייט געוואָרן שוין לאַנג פאַרניכטעט. אויך אין ווילנע זיינען די אַמאָליקע מעלדונגס-ביכער אין אַ גרויסע צאָל פאַלן פאַרפאַלן געוואָרן. און אַזוי ווי עדות, אַלס באַווייז, זיינען געווען אַזוי גוט ווי אויסגעשלאָסן, קען מען אָננעמען, אַז נאָר צוגעשריבענע צו די אַמאָליקע שטאַנד-ביכער האָבן געקאָנט באַקומען פוילישע בירגערשאַפט.

דאָס האָט זיך זייער שווער אָפּגערופן אויף דער רעכטליכער לאַגע פון אַ גרויסן טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג. ערשטנס, האָבן ניט געקאָנט באַקומען קיין פוילישע בירגערשאַפט די, וועלכע זיינען אַנטלאָפן פון ראַטן-רוסלאַנד אָדער וועלכע זיינען אָנגעפאָרן אין אָנהייב פון דער מלחמה. דאָס זעלבע איז געווען מיט פיל רעפּאַטריאַנטן, וועלכע האָבן פאַר דעם קריג שטענדיק געוואוינט אין פוילן, נאָר צופעליג זיינען זיי געווען צוגעשריבן צו די געביטן, וועלכע זיינען ניט אַריין אין דער פוילישער טעריטאָריע. עס זיינען אויך געבליבן אין דער לאַגע פון פרעמדע סיי רעפּאַטריאַנטן, סיי אַנדערע גרופּן פון דער באַפעלקערונג, וועלכע האָבן ניט געקאָנט דערווייזן זייער צוגעהעריקייט צוליב דער פאַרניכטונג פון די שטאַנד-אָדער מעטרישע ביכער. און אַזוי ווי די אַלע פּערזאָנען, וועלכע זיינען ניט אָנערקענט געוואָרן פאַר קיין פוילישע בירגער, זיינען אין דער זעלבער צייט מצד רוסלאַנד אויך ניט אָנגענומען געוואָרן אַלס רוסישע בירגער, האָט דאָס געשאַפן גרויסע מאַסן מענשן אָן שום בירגערשאַפט, וועלכע האָבן באַקומען אַן אָפיציעלן נאָמען פון בירגער פון דער געוועזענער רוסישער אימפּעריע.

די באַציאונג פון דער פוילישער מאַכט צו דער קאַטעגאָריע „בירגערלאָזע“ האָט זיך אויסגעדריקט: 1) אין אַרויסשיקן פון פוילן אַלע פרעמדע, וועלכע זיינען געקומען אומלעגאַל נאָך דעם 12 אָקטאָבער 1920.

2) אין אַרויסשיקן אַ געוויסע צאָל רעפּאַטריאַנטן, וועלכע זיינען געקומען אויפן לעגאַלן וועג.

3) אין רעגיסטרירן און אַרויסגעבן אַלע אַנדערע פרעמדע די באַוואוסטע „קאַרטאַ פּאָביטו“, וועלכע האָט באַגרענעצט זייער רעכט זיך צו באַוועגן פריי אין לאַנד און זיך צו באַשעפטיקן מיט געוויסע פּראָפעסיעס.

עס פאַרשטייט זיך, אַז די רעכטלאָזע



לאַגע פון פרעמדע האָט געפאָדערט אַן אויסערגעוויינליך ענערגישע הילף פון די געזעלשאַפטליכע אַנשטאַלטן. די הילף איז געגעבן געוואָרן אין זייער אַ ברייטן מאָס און איז באַשטאַנען:

1) אין אינפאָרמאַציעס און עצות וועגן באַקומען פוילישע בירגערשאַפט, וועגן רעגיסטראַציע-פליכט און וועגן דעם, צו די אָדער יענע פערזאָן מוז פאַרלאָזן די גרעניצן פון פוילן,

2) אין ווענדונגען צו דער מאַכט און אינטערווענצן וועגן אַרויסשיקונגען, גירושים, בירגערשאַפטס-פראַגע וכדומה.

די דערמאָנטע יורישע הילף איז געגעבן געוואָרן ניט נאָר דורך דער יורידישער אָפּטיילונג פון „יעקאָפּאָ“, נאָר אויך דורך דער ביורא פון הרב רובינשטיין, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן מיט דער מיטווירקונג פון „יעקאָפּאָ“ און וועלכע האָט זיך ספּעציעל באַשעפטיגט מיט פאַרשיידענע השתדלותן און אינדיווידועלע פראַגן פון פרעמדע און בירגערשאַפט. ביידע דערמאָנטע אַנשטאַלטן האָבן געאַרבעט אויף דעם אָנגערופענעם געביט אין פולן קאָנטאַקט און האָבן בייגעהאָלפן און דערגאַנצט איינע די אַנדערע.

זיי האָבן זיך אָנגענומען פאַר די אינטערעסן ניט נאָר פון איינצעלנע פערזאָנען אָדער באַשטימטע גרופּן, נאָר האָבן זיך ניט איינמאָל געווענדעט סיי צו דער אָרטיגער סיי צו דער צענטראַלע מאַכט וועגן פראַגן, וועלכע האָבן געהאַט אַן אַלגעמיינע און פּרינציפּיעלע באַדייטונג.

אַזוי זיינען אָנגעגעבן געוואָרן אַ ריי מעמאָראַנדומס וועגן בירגערשאַפט פון די פערזאָנען, ביי וועלכע עס זיינען פאַרפאַלן געוואָרן די אַלטע דאָקומענטן און וועלכע וואָלטן קענען דערווייזן די בירגערשאַפט פון זייערע באַזיצער; וועגן פעסטשטעלן די בירגערשאַפט פון די איינוואוינער פון געוועזענעם פראָנט-פּאַס, וואו עס זיינען פאַרברענט אָדער אַרויסגעפירט געוואָרן אַלע שטאַנד-און מעטרישע ביכער; וועגן בירגערשאַפט פון די פערזאָנען, וועלכע שטאַמען פון די געגנטן, וועלכע געהערן איצט צו דער טעריטאָריע פון ליטע.

אייניקע מעמאָראַנדומס האָבן געטראָגן אַ קאָמפּליצירטן יורידישן כאַראַקטער און האָבן אַרומגענומען אַלע פעלערהאַפטע זייטן פון די עקזיסטירנדע געזעצן וועגן פוילישער בירגערשאַפט.

## גירושים.

זייער צאָלרייך זיינען געווען די אינטערווענצן וועגן אַרויסשיקונגען בפרט און וועגן אַלגעמיינעם גרוש בכלל. זיי זיינען

אויך דורכגעפירט געוואָרן אָדער פון דער יורידישער אָפּטיילונג אָדער פון דער ביורא פון הרב רובינשטיין. אין די פאַלן, ווען די אינטערווענץ האָט באַרירט א פראַגע, וועלכע איז געווען באַזונדערס וויכטיג און האָט ניט געקאָנט דורכגעפירט ווערן מיט די אייגענע קרעפטן, האָט די יורידישע אָפּטיילונג זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט די יידישע צענטראַלע אָרגאַניזאַציעס אין וואַרשע, ווי דער יידישער נאַציאָנאַל-ראַט, אוקראַאינער קאָמיטעט א. ז. וו. מיט דער הילף פון די דאָזיגע אָרגאַניזאַציעס האָט זיך אָפט איינגעגעבן צו ערליידיגן דורך וואַרשע אַזוינע פראַגן, וואו די אָרטיגע מאַכט האָט אָפּגעזאָגט. אלס ביישפּיל קען מען דאָ בריינגען די אינטערווענץ פון נאַציאָנאַל-ראַט, א דאַנק וועלכער דאָס אינערן-מיניסטעריום האָט אָפּגעהאַלטן א גרופּע רעפּאַטריאַנטן, וועלכע זיינען פון דער ווילנער מאַכט באַשטימט געוואָרן צום אַרויסשיקן. עס פאַרדינט אויך דערמאָנט צו ווערן די אינטערווענץ פון אוקראַאינער קאָמיטעט, אַדאַנק וועלכער א גרופּע היימלאָזע, וועלכע עס האָט געדראָט אַרויסגעשיקט צו ווערן קיין רוסלאַנד מיטן עטאַפּ, האָט באַקומען רוסישע וויזעס און די מעגליכקייט אויפן אייגענעם חשבון פריי אַרויסצופאָרן קיין רוסלאַנד. אויך וועגן איינצעלנע פּערזאָנען איז אויסגעקומען אָפט צו אינטערווענירן דורך די צענטראַלע יידישע אָרגאַניזאַציעס אין וואַרשע און אין פיל פאַלן האָבן די אינטערווענצן געגעבן א געוויסן ערפאָלג.

אָפטמאָל איז די איניציאַטיוו אין די פראַגן וועגן יורידישער הילף פאַר היימלאָזע און עמיגראַנטן געגעבן געוואָרן פון די יידישע צענטראַלע אָרגאַניזאַציעס אין וואַרשע און דאַן איז די דאָזיקע אַרבעט אין אונזער געגנט דורכגעפירט געוואָרן דורך דער יורידישער אָפּטיילונג פון „יעקאָפּאָ“. אַזוי האָט די יורידישע אָפּטיילונג דורכגעפירט לויט דעם אויפטראָג פון אוקראַאינער קאָמיטעט די רעגיסטראַציע פון געוויסע גרופּן עמיגראַנטן, וואָס האָט געגעבן די מעגליכקייט אויסצווירקן א פּראָלאָנגאַציע פאַר די עמיגראַנטן, וועלכע האָבן באַדאַרפט צוזאַמען מיט אַנדערע פרעמדע אַרויסגעשיקט ווערן פון פוילן אין 1922 יאָר. די יורידישע אָפּטיילונג האָט אויך דורכגעפירט א רעגיסטראַציע דורך די קרובים פון די היימלאָזע, וועלכע ווילן זיך אומקערן פון רוסלאַנד, אויפן גרונט פון וועלכער דער נאַציאָנאַל-ראַט האָט בדעה אויסצווירקן, זיי זאָלן באַקומען די מעגליכקייט, זיך אומצוקערן קיין פוילן.



## א ו י פ ב ו י.

די דריטע פּראָבלעם, מיט וועלכער די יורידישע אָפּטיילונג האָט זיך באַטראָפן אין איר אַרבעט, און וועלכע איז אויך געווען פאַרבונדן מיט דער היימלאָזע-פראַגע, איז געווען די פּראָבלעם פון אויפבוי. שוין ביי די ערשטע נאָך ניט דערפאַרענע טריט אויף דעם געביט, האָט זיך די פּראָבלעם אַרויסגעוויזן אלס זייער אַן ערנסטע און קאָמפּליצירטע צוליב די פאָלגנדע גרונדן: די הלוואות, וועלכע האָבן געזאָלט אַרויסגעגעבן ווערן אויף אויפבוי, האָבן באַדאַרפט פאַרזיכערט ווערן מיט די פלעצער, אויף וועלכע די הייזער האָבן געזאָלט אויפגעבויט ווערן. אלס ערשטע באַדינגונג דערצו האָבן די רעפּאַטריאַנטן באַדאַרפט באַזיצן די געהעריקע דאָקומענטן אויף זייערע פּלעצער. אָבער שוין ביי דער ערשטער אויספאָרשונג האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז די באַפעלקערונג פון פיל ערטער האָט אַזוינע דאָקומענטן ניט, אָדער צוליב דעם, וואָס זיי זיינען אין דער מלחמה-צייט פאַרלאָרן געגאַנגען, אָדער ווייל זיי זיינען גאָר קיין מאָל ניט געווען.

אַזוי אָבער ווי די דאָזיגע דאָקומענטן האָבן געמוזט געשאַפן ווערן, איז מען געווען געצוואונגען אָנצוקומען צום געריכט וועגן פעסטשטעלן דעם כאַראַקטער פון ערד-באַזיץ פון יעדער פּערזאָן, וועלכע האָט באַדאַרפט באַקומען א הלוואה אויף אויפבוי. די יורידישע אָפּטיילונג האָט דאַן אויסגעאַרבעט א מוסטער פון א בקשה צום געריכט און פונאַנדערגעשיקט אים אין א סך עקזעמפּלאַרן אויף דער פּראָווינץ. אַזוינע מוסטערן זיינען געווען צווייערליי, ווייל עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז אין אונזער קאַנט זיינען דאָ צוויי פאַרשיידענע פאָרמען פון ערד-באַזיץ אין די שטעטלאַך: אייגענטום-רעכט און צינש-רעכט. עס זיינען אויך אַרויסגעשיקט געוואָרן גענויע אינסטרוקציעס ווי זיך צו באַגיין מיט די בקשות, ווי זיי אויסצופילן און אָנצוגעבן. אין ווייטערדיקן גאַנג פון דער געריכטס-אַקציע האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די לאַנגזאַמקייט פון די געריכטן, וועלכע האָבן געהאַלטן די בקשות ניט ערליידיגט אין משך פון 5—6 חדשים, דראָט אָפּצורוקן דעם אָנהויב פון א ברייטער אויפבוי-אַקציע אויף אַן אומבאַשטימטן טערמין, ווייל די צאָל פּערזאָנען, וועלכע האָבן יאָ געהאַט דאָקומענטן אויף זייער ערד, איז געווען זייער באַגרעניצט. דאַן האָט זיך די יורידישע אָפּטיילונג געווענדעט צום פאָרזיצער פון ווילנער קרייז-געריכט מיט א גענוי-באַגרינדעטער בקשה און



אויפקלערונג פון דער לאַגע, און דער לעצטער האָט אַרויסגעשיקט צו אַלע פרידנס-ריכטער א צירקוליאַר, אַז אַלע ענינים פון מלחמה-געליטענע וועגן זייער ערד-באַזיץ זאָלן ניט פאַרהאַלטן ווערן און זאָלן ערליידיגט ווערן אין דער ערשטער ריי. דער צירקוליאַר האָט געהאַט זייער א גרויסע ווירקונג און האָט געבראַכט דערצו, אַז די געריכט-פּראָצעדור האָט זיך פאַרקירצט ביז א מינימום און איז דערליידיגט געוואָרן אין זייער א קורצע צייט.

אין אייניקע ערטער האָבן זיך ביים דורכפירן די פּראָצעדור אַרויסגעשטעלט געוויסע פאָרמעלע שוועריקייטן, וועלכע האָבן ניט געקאָנט ערליידיקט ווערן דורך די פאַראינטערעסירטע פּערזאָנען זעלבסט. אין די ערטער האָט די יורידישע אָפּטיילונג דעלעגירט צו דער געריכטס-באַהאַנדלונג איר יוריסט. אַזוי איז עס פאָרגעקומען אין ווידז, וואו קיינער פון די איינוואוינער האָט ניט געהאַט קיין דאָקומענטן אויף זייער ערד און איצט האָט די גאַנצע באַפעלקערונג אַלע דאָקומענטן, וועלכע רעגולירן פולשטענדיק איר אייגענטום-רעכט.

אויך אַנדערע שוועריקייטן האָבן זיך געשטעלט אויפן וועג פון דער אויפבוי-אַרבעט, וועלכע די יורידישע אָפּטיילונג האָט געמוזט באַזייטיקן. אַזוי האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז פיל פּלעצער זיינען אין דער צייט פון מלחמה פאַרכאַפּט געוואָרן פון פרעמדע מענטשן, וועלכע האָבן אויסגענוצט דעם פאַקט, וואָס די אייגענטימער האָבן זיך א לאַנגע צייט ניט געקאָנט אומקערן פון רוסלאַנד און האָבן אויף זייערע פּלעצער אויסגעבויט אייגענע הייזער, באַקומענדיק אויף דעם אַן ערלויבעניש פון די בוי-אָפּטיילונגען ביי די סטאַראָסטוועס. די יורידישע אָפּטיילונג האָט זיך וועגן דעם געווענדעט צו די סטאַראָסטוועס פון די חרוב-געוואָרענע ערטער און האָט אויסגעווירקט, אַז כדי צו באַקומען אַן ערלויבעניש זיך צו בויען, האָט מען געמוזט צושטעלן דאָקומענטן אויף די ערד אָדער א באַשטעטיקונג פון דער גמינע-מאַכט, אַז דער חלק ערד איז אַן אייגענער.

אַזוי אַרום זיינען ביסלעכווייז באַזייטיגט געוואָרן אַלע יורידישע שוועריקייטן, וועלכע זיינען געשטאַנען אויפן וועג פון דער אויפבוי-אַקציע און עס איז געגעבן געוואָרן די מעגליכקייט צוצוטרעטן צו איר. דער צווייטער עטאַפּ אין דער יורידישער זייט פון דער אויפבוי-אַקציע איז געווען דאָס עפענען פון היפּאָטעקן. דאָס היפּאָטעק-סיסטעם, וועלכע איז אָנגעהויבן איינגעפירט צו ווערן אין אונזער קאַנט אין

יאָר 1919, איז ביים אָנהייב פון דער אויפבוי-אַקציע נאָך געווען ווייניק פּאָפּולער, וואָס האָט זיך באַזונדערס געלאָזט מערקן אין די שטעטלאַך. געבנדיק די באַפעסטיקונג פון ערד-באַזיץ, שטעלט די היפּאָטעק גלייכצייטיק פאַר א גרויסע געפאַר פאַר די באַזיצער פון די צינש-פּלעצער. די פּראַקטיק האָט באַוויזן, אַז די פּריצים, צו וועלכע עס געהערן די צינש-שטעטלאַך, פאַרשווייגן ביים עפענען די היפּאָטעקן וועגן דער עקזיסטירונג פון צינש-פּלעצער אין זייערע שטעטלאַך, וואָס קען ביי געוויסע באַדינגונגען ברייינגען דערצו, אַז די צינשעוויקעס זאָלן פאַרלירן זייערע צינש-רעכט. די יורידישע אָפּטיילונג האָט אַלס ערשטע באַמערקט די געפאַר און אַלס ערשטע געווענדעט אויף דעם פאַקט די אויפמערקזאַמקייט פון דער פּראָווינציעלער באַפעלקערונג אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אויפבוי-אַקציע. מען דאַרף באַמערקן, אַז די באַפעלקערונג האָט אין דער פּראַגע אַרויסגעוויזן א גרויסע גלייכגילטיקייט און מען האָט געמוזט אָננעמען זייער ענערגישע מיטלען כדי צו ענדערן דעם מצב. ס'זיינען פונאַנדערגעשיקט געוואָרן די געהעריקע צירקוליאַרן, ס'זיינען געמאַכט געוואָרן אינטערווענצן מצד די באַפולמעכטיגטע און אויב ס'האָט אַלץ ניט געהאָלפן, איז באַשטימט געוואָרן ניט אַרויסצוגעבן די הלוואות, כל זמן ס'וועלן ניט ערלייגט ווערן די פאָרמאַליטעטן אין דער היפּאָטעק. די מיטלען, וועלכע זיינען דערביי אָנגעווענדעט געוואָרן די צינשעוויקעס, זיינען געווען: אָדער צווינגען די פּריצים צו אונטערהאַנדלונגען דורך ניט דערלאָזן צו רעגולירן זייער היפּאָטעק אָדער אויסקויפן די פּלעצער אין די פאַלן, ווען די היפּאָטעק איז שוין רעגולירט געוואָרן. די דאָזיגע אַקציע האָט זיך גרעסטענטיילס איינגעגעבן און אין די שטעטלאַך, אין וועלכע עס איז געפירט געוואָרן די אויפבוי-אַקציע, זיינען די צינשעוויקעס באַוואָרנט געוואָרן אָדער דורך דעם, וואָס זיי האָבן אויסגעקויפט זייערע פּלעצער, אָדער דורכדעם, וואָס זייערע רעכט זיינען געזיכערט געוואָרן דורך די היפּאָטעק. נאַטירליך, די פּערזאָנען, וועלכע האָבן געהאַט אייגענע ערד, האָבן די אַלע שוועריקייטן ניט דורכגעמאַכט און האָבן געקאָנט אויפן גרונד פון זייערע דאָקומענטן גלייך איינפירן פאַר זייערע פּלעצער היפּאָטעק-ביכער.

אָט די דאָזיקע גאַנצע אַרבעט, וועלכע איז אַזוי אַרום באַשטאַנען: 1) אין שאַפן פאַר דער באַפעלקערונג דאָקומענטן אויף די פּלעצער, 2) אין פאַרזיכערן די רעכט



פון די צינשעוויקעס און 3) אין באַזאָרגן יעדן בונה מיט א היפּאָטעק-בוך

און וועלכע איז געווען אונטערגענומען ניט אַלס זעלבסטשטענדיקער ציל, נאָר אַלס מיטל צו פאַרזיכערן די אַרויסגעגעבענע הלוואות, האָט אָבער אין דער פּראַקטיק באַקומען א גאַנץ זעלבסטשטענדיקע באַדייטונג און האָט געבראַכט צו דער באַפעסטיגונג פון יידישן ערד-באַזיץ אין אונזער קאַנט. מען דאַרף באַמערקן, אַז די באַפעסטיגונג האָט זיך ניט באַגרעניצט מיט די צושטערטע שטעטלאַך, וואו עס איז געפירט געוואָרן די אויפבוי-אַרבעט; די יורידישע הילף אויף דעם געביט איז געגעבן געוואָרן אין א ווייט גרעסערן אומפאַנג און האָט זיך פאַרשפּרייט אויף אַלע ערטער, וואו די יורידישע באַדינגונגען זיינען געווען אַנאַלאָגיש מיט די אין די חרוב-געוואָרענע שטעטלאַך. די אַרבעט אין דער הינזיכט האָט געהאַט א זעלבסטשטענדיקן כאַראַקטער און איז געפירט געוואָרן מיטן פולן באַוואוסטזיין פון איר באַדייטונג.

## אָ ר ג אַ נ י ז אַ צ י ע.

א גאַנץ זעלבסטשטענדיגער צווייג פון דער אַרבעט פון דער יורידישער אָפּטיילונג זיינען אירע באַמיאונגען צו שאַפן אָדער צו באַפעסטיגן די אָרטיגע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַנען און אינסטיטוציעס, וועלכע האָבן זיך אָנגעהויבן צו בילדן שוין פון 1920 יאָר. מיר מיינען דאָ די קאָאָפּעראַטיוון און באַזונדערס די קאָאָפּעראַטיווע ליי-און שפּאָר-קאַסעס, (וועלכע רופן זיך איצט פאָלקס-בענק), ביבליאָטעקן, שולן און אָפּטיילונגען פון „יעקאָפּאָ" אויף דער פּראָווינץ. עס דאַרף קאָנסטאַטירט ווערן, אַז די ליי-און שפּאָר-קאַסעס אויף דער פּראָווינץ, ווי אויך די שפּייז-קאָאָפּעראַטיוון, זיינען געבילדעט געוואָרן מיט דער הילף פון דער יורידישער אָפּטיילונג. פאַר דער צייט פון מיטל-ליטע זיינען די ליי-און שפּאָר-קאַסעס לעגאַליזירט געוואָרן דורך דער פינאַנץ-מאַכט און די געברויכס-קאָאָפּעראַטיוון דורך דער פּאָליטיש-אַדמיניסטראַטיווער מאַכט. זינט עס איז פאַרשפּרייט געוואָרן אויף אונזער קאַנט דער קאָאָפּעראַטיווער געזעץ, דאַרפן אַלע קאָאָפּעראַטיוון רעגיסטרירט ווערן דורכן קרייז-געריכט. די אַלע דערמאָנטע לעגאַליזאַציעס און רעגיסטראַציעס זיינען דורכגעפירט געוואָרן דורך דער יורידישער אָפּטיילונג. פאַר די ביבליאָטעקן האָט די יורידישע אָפּטיילונג אויסגעאַרבעט א ספּעציעלן סטאַטוט, וועלכער איז געבויט אויף די עקזיסטירנדע געזעצן וועגן די געזעלשאַפטן, ווי אויך גענויע אינסטרוקציעס וועגן זייער לעגאַליזאַציע.





וועגן לעגאַליזאַציע פון שולן האָט די יורידישע אָפּטיילונג פאַנאַנדערגעשיקט ספּעציעלע צירקוליאַרן. אין די ערטער, וואו עס האָט זיך געפונען א געוויסע צאָל מיטגלידער פון „יעקאָפּאָ", האָט די יורידישע אָפּטיילונג געשאַפן אָרטיגע אָפּטיילונגען פון „יעקאָפּאָ", אַרום וועלכע ס'האָבן זיך קאָנצענטרירט די גאַנצע געזעלשאַפטלעכע קרעפטן פון דעם אָרט און מיט וועלכע די מאַכט רעכנט זיך אַלס מיט אָרטיגע קהלות און פאַרשטייער פון דער אָרטיגער יידישער באַפעלקערונג.

## רעגיסטראַציעס.

אין משך פון איר טעטיקייט האָט די יורידישע אָפּטיילונג דורכגעפירט צוויי גרויסע רעגיסטראַציעס: וועגן די מלחמה-היזקות און וועגן די פּאָגראָמען. די ערשטע איז פּראָקלאַמירט געוואָרן דורך דער פּוילישער רעגירונג און האָט באַטראָפן די היזקות, וועלכע די ציווילע באַפעלקערונג האָט געליטן פון אַלע אָקופּאַציע-מאַכטן. די יורידישע אָפּטיילונג איז געקומען דער פּראָווינץ צו הילף אין דער פראַגע, האָט פאַנאַנדערגעשיקט צירקוליאַרן וועגן דער באַדייטונג פון דער רעגיסטראַציע ווי אויך אַלערליי אַנקעטעס וועגן די מלחמה-היזקות. די אויסגעפילטע אַנקעטעס זיינען אָפּגעגעבן געוואָרן אין די אָפּשאַצונגס-קאָמיסיעס, וועלכע די פּוילישע רעגירונג האָט צו דעם צוועק געבילדעט. לייִדער האָט די גאַנצע אונטערנעמונג ביז היינטיגן טאָג ניט געגעבן קיין ממשותדיגע רעזולטאַטן, און די אַנקעטעס זיינען אין דער צייט פון דער רוסישער אינוואַזיע אין יאָר 1920 אַרויסגעפירט געוואָרן אין טיף פוילן, וואו זיי ליגן ביז היינטיגן טאָג.

די צווייטע רעגיסטראַציע, וועלכע די יורידישע אָפּטיילונג האָט אַליין אָרגאַניזירט און דורכגעפירט, איז געווען די רעגיסטראַציע פון די פּאָגראָמען, וועלכע אונזער געגנט האָט דורכגעלעבט אין זייער א שווערער פאָרם און וועלכע האָבן איר גרונטלעך צורואינירט. א באַזונדערע רעגיסטראַציע איז אויך דורכגעפירט געוואָרן אין שטאָט ווילנע גופא.

## צירקוליאַרן.

איינע פון די וויכטיקסטע פאָרמען, וועלכע די יורידישע הילף האָט אָנגענומען, איז געווען די פאָרם פון צירקוליאַרן וועגן די פראַגן, וועלכע זיינען געווען באַזונדערס וויכטיק פאַר דער פּראָווינץ. די צירקוליאַרן האָבן געשפּילט א גרויסע ראָלע אַלס א מיטל צו באַקאַנען די ברייטע שיכטן פון דער פּראָווינצעלער באַפעלקערונג מיט פאַרשיידענע פראַגן פון דער נייער פּוילישער געזעצגעבונג

וועגן אַדמיניסטראַטיווע און ציווילע ענינים. די וויכטיקסטע פון די צירקולאַרן זיינען געווען:

1) וועגן לעגאַליזירן געזעלשאַפטן;
2) וועגן פאַרזאַמלונגען;
3) וועגן לעגאַליזירן שולן;
4) „ לעגאַליזירן קאָאָפּעראַטיוון;
5) „ ערד־אויסקויפן;
6) „ אַרענדירטע פּלעצער אין די שטעטלעך;
7) „ באַפרייען נייע הייזער פון שטייערן;
8) וועגן ערלויבענישן אויף בויען הייזער;
9) „ רעקוויזיציע פון לאָקאַלן.

עס דאַרף אויך באַמערקט ווערן, אַז אַדאַנק דער איניציאַטיוו פון דער יורידישער אָפּטיילונג איז אין סיים אַריינגעטראָגן געוואָרן אַן אָנפראַגע וועגן רעקוויזיציע פון לאָקאַלן אין די מזרח־געביטן.

## אינדיווידועלע הילף.

מיר גייען איצט אַריבער צו איינער פון די פאַרשפּרייטסטע און אַזוי צו זאָגן טאָג־טעגלעכע פאָרמען פון יורידישער הילף, וועלכע די אָפּטיילונג האָט געגעבן אין די פאַרגאַנגענע 5 יאָר—צו דער אינדיווידועלער יורידישער הילף.

די גיכע הילף איז אין אַלגעמיינע שטריכן שוין אַרומגערעדט אין די פריערדיקע טיילן פון דעם באַריכט. ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן די פראַגן פון היימלאָזע, אויפבוי, פרעמדע, פּעסער־פראַגע א. ז. וו. זי האָט זיך אָבער ניט באַגרעניצט מיט די פראַגן און האָט אַרומגענומען אַלע יורידישע ענינים, וועלכע זיינען נאָר אַנטשטאַנען ביי דער באַפעלקערונג, ד. ה. זי האָט אויסער די דערמאָנטע פראַגן אויך אַרומגענומען אַלע ריין־פּריוואַטע אַדמיניסטראַטיווע, ציווילע און קרימינעלע ענינים. לויט דער פאָרם איז זי באַשטאַנען אין שריפטלעכע און מונדלעכע עצות, אין שרייבן בקשות און אין וויכטיקערע פאַלן אויך אין אינטערווענצן. אין ציפערן דריקט זיך אויס די אינדיווידועלע הילף אומגעפער אַזוי: אַלגעמיינע צאָל ווענדונגען 6000. 2) עצות געגעבן 4500. 3) אָנגע־שריבן בקשות 1200. 4) אינטערווענצן 300.

## די אַרבעט פאַרן קאָמיטעט.

די געביטן פון יורידישע הילף, וועלכע זיינען ביז אַהער אויסגערעכנט געוואָרן, נעמען ניט אַרום די יורידישע אַרבעט, וועלכע איז געטאָן געוואָרן פאַרן קאָמיטעט „יעקאָפּאָ" גופא. דער קאָמיטעט האָט פאָרגעשטעלט מיט זיך זייער אַ גרויסע אָרגאַניזאַציע מיט אַ פאַרצווייגטער טע־טיקייט און האָט אויף יעדן טריט געהאַט צו טאָן מיט די אָרטיקע און אויך צענט־ראַלע מאַכט־אָרגאַנען, ווי אַדמיניסטראַ־טיווע, געריכטלעכע און קאָמונאַלע. די פאַרשטייערשאַפט ביי די אָרגאַנען פון דער מאַכט האָבן געפירט באַפול־מעכטיקטע מיטגלידער פון קאָמיטעט אָפּט צוזאַמען מיט דער יורידישער אָפּ־טיילונג, וועלכע האָט אויך ע־לליידיגט אַלע פאָרמאַליטעטן, וואָס האָבן זיך דערביי געפאָדערט.

# י. וואלק | היימלאזע און רעפאטריאנטן

### ערשטע תקופה.

## ג י כ ע ה י ל ף.

די היימלאָזע־פּראָבלעם בכלל איז נאָך ניט אויסגעשעפּט אינגאַנצן. נאָך זיינען טויזנטער נע־ונד אין דער גרויסער וועלט און האָבן קיין תקומה ניט. די יידישע באַ־פעלקערונג אין אונזער געגנט, וועלכע האָט געבילדעט אַ באַדייטנדן טייל אין דער היימלאָזע־אַרמיי און וועלכע האָט אַ גרויסן חלק אין דער מאַרטיראָלאָגיע פון דער וועלט־מלחמה, איז נאָך ווייט־ווייט ניט געקומען צו זיך. דאָך איז פאַר די זעקס יאָר 1919—1924 דורכגעמאַכט געוואָרן אַ היבש בלעטל־געשיכטע פון פּאָזיטיווער אַרבעט, וועלכע קען שוין איצט אונטערגעצויגן ווערן.

פאַרשיידנאַרטיק איז געווען דער היימלאָזע־עלעמענט און פילאַרטיק זיין באַגריף. דער בראשית־טערמין „היימ־לאָזע" הערט אויף אין משך פון דער קורצער, אָבער שווערער צייט, צו זיין אַ שם־תואר נאָר פאַר די פאַרטריבענע און פאַרוואָגלטע פון אַמאָל. האָבנדיק הינטער זיך אַ היסטאָריע פון איבער צען יאָר און דורכמאַכנדיק פאַרשיידענע גלגולים, ווערט ער באַרייכערט מיט אַ סך ניואַנסן און אויסטייטשונגען. ער ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ שם־עצם כללי און ווערט אָנגעווענדעט צו נייע גרויסע, מיט־דער־צייט צוגעקומענע, מחנות ליידנדע און באַדגלאָזע. הצד השוה שבהם, וואָס אַלע זיינען זיי אַ פּועל־יוצא פון איין שורש: היימלאָזע:

א) רעעמיגראַנטן (רעפּאַטרי־אַנטן): דאָס זיינען די צענדליקער טויזנטער נפשות, וואָס האָבן אין די מלחמה־יאָרן פאַרלאָזן האָב און גוטס און אַנטלאָפן, וואו די אויגן טראָגן. צו זיי געהערט אויך די גרויסע עדה יידן פאַר־טריבענע איבערגוואַלד פון זייערע איינ־געזעסענע ערטער. איצט רעעמיגרירן זיי צוריק אַהיים.

ב) עמיגראַנטן: וואַנדערער, וועלכע זיינען געקומען אַהער בכוונה תחילה צו עמיגרירן קיין אַמעריקע, ארץ־ישראל און אַנדערע לענדער.

ג) היימלאָזע: אַ סטיכיע פון פאַר־פאַלגטע פון די פּאָגראָמען, שחיטות און איבערמענטשלעכע איבערלעבונגען אין אוקראַינע און ווייסרוסלאַנד. דערקלייבן זיך מיט גרויס מאַטערניש און יסורים קיין פּוילן מיטן איינציקן געדאַנק פון געפינען דאָ אַ שוץ און אָפּרו.

ד) אָנגעלאָפענע: אַ פּראָדוקט פון די איבערגאַנגס־געשעענישן אין אונזער געגנט. די שוצלאָזיקייט אין דער קליין שטעטל טרייבט זיי אין די אָרימס פון דעם גרעסערן צענטער און ווערן בין־לילה היימלאָז.

ה) מגורשים פון ליטע: יידן פון פּוילן, וועלכע האָבן אַ לייגגערע צייט געוואוינט אין ליטע און זיינען אין אַגוטן פרימאָרגן אָנערקענט געוואָרן פאַר „פרעמ־דע" און אַרויסגעשיקט געוואָרן פון די ליטווישע גרעניצן.

ו) מגורשים פון פּוילן: די גרויסע מחנה היימלאָזע, וועלכע זיינען געקומען קיין פּוילן נאָכן חודש אָקטאָבער 1920 און אויף וועלכע ס'איז נגזר געוואָרן צו פאַרלאָזן פּוילן לויט די פאַראָרדענונגען פון דער מאַכט.

ז) ניט רעגיסטרירטע: די אַלע פּערזאָנען, ניט פּוילישע בירגער, וועלכע האָבן לויט די תקנות געדאַרפט זיך רעגיסטרירן און האָבן צוליב פאַרשיידענע סיבות זיך ניט רעגיסטרירט און מחמת דעם ווערן זיי אַרויסגעשיקט פון לאַנד.

די היימלאָזע־טעטיקייט איז געווען פאַרשיידנאַרטיק לויטן כאַראַקטער און פאָרם. אין אַלגעמיין קענען אָבער פאַר־נאָטירט ווערן צוויי גרונטס־תקופות: דער ערשטער פּעריאָד, וועלכער איז געווען באַגלייט מיט פאַרשיידענע מאָ־מענטן פון שנעלער הילף, תמיכה און רעעוואַקואַציע. דער צווייטער— וועלכער האָט געפונען זיין פולן אויס־דרוק אין דעם פּלאַנמעסיקן אַריבערגיין צו דער אָרגאַניזירטער ווידעראויפ־בוי אין אַלע שאַטירונגען.

דער פּילמאָליקער אַריבערגאַנג פון אונזער געגנט פון איין מאַכט צו דער אַנדערער האָט קיין בוטס ניט גע־בראַכט. עס האָט פאַראַליזירט די אַרבעט און געבראַכט חורבנות. די געזעל־

שאַפטלעכע זייט פון דער אַקציע איז אָבער קיינמאָל ניט פאַרנאַכלעסיגט געוואָרן און מיט פעסטע טריט דערפירט געוואָרן צום עיקר ציל.

מיר גייען כסדר:

א.

פעווראַל—אַפּריל 1919.

### 1. די לאַגע.

אין משך פון האַלב פעווראַל, מאַרט און האַלב אַפּריל 1919—בעת דער באָלשעוויסטישער ממשלה—האָבן זיך אין ווילנע צונויפגעזאַמלט בערך אַ פּאָר טויזנט יידישע רעעמיגראַנטן. וועלכע האָבן זיך דערהויפּט קאָנצענטרירט אין יונקער-שול, זאַוולס קלויז, וואָקזאַל און אַנדערע ערטער פון שטאָט. צוליב די שווערע קאָמוניקאַציע-תּנאים און צוליב דעם, וואָס קאָוונער, גראָדנער און סובאַלקער גוב., וואוהין די רעעמיגראַנטן האָבן געדאַרפט אָפּגעשיקט ווערן, זיינען געווען מלחמה-פּלעצער, זיינען די אַלע פּערזאָנען צוזאַמען מיט זייערע פאַמיליעס אָפּגעשניטן געוואָרן אין מיטן וועג און געבליבן אין אַ פאַרצווייפלטער לאַגע.

דער קאָמיטעט „יעקאָפּאָ“, וועלכער איז צו יענער צייט געגרינדעט געוואָרן אין ווילנע, איז ראשית צוגעטראָטן צו אַן אַלזייטיקער אויספאָרשונג פון יעדנס מצב באַזונדער און האָט צונויפגעשטעלט אַן אַנטשפּרעכנדע רעגיסטראַציע. לויטן באַריכט פון די ה"ה משה שאַליט און ליב יפה, וועלכע האָבן דאַן אויסגעפאָרשט די לאַגע אין יונקער-שול, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז צווישן די 2000 רעעמיגראַנטן געפינען זיך בערך 500 יידן, וועלכע זיינען אַממערסטן בערום ובחוסר כל.

עס זיינען אָנגענומען געוואָרן אַ ריי מיטלען צו פאַרלייכטערן די לאַגע: א) עפענען אַ כשרה קיך, ב) אַרויסגעבן הוספה-ברויט פאַרלויפיק די קינדער, ווייל די באַקומענע ברויט פון די היימלאָזע-עסאַפּן בעניגט ניט, ג) אויסווירקן, אַז די רעעמיגראַנטן זאָל מען אויף דער אַרבעטער-בירזשע געבן אַרבעט מחוצן סדר, אַזוי ווי מלחמה-געפּאַנגענע, ד) אָפּגעבן די קינדער אין אינטערנאַטן ווי אויך אין פאָלקסשולן און ה) זאָרגן וועגן קליידונג און שיך.

אין פּראָצעס פון דער אַרבעט האָבן זיך אַרויסגעוויזן קליינע מעגלעכקייטן פון רעעוואַקואַציע. דאָס האָט אָבער געדאַרפט דורכגעפירט ווערן מיטן שנעלסטן טעמפּ. פאַר גאַנצע משפּחות זיינען אַסיגנירט געוואָרן ספּעציעלע סומען אויף פ ו ר ן. די מער געווינטערע האָבן באַקומען צדה-לדרך און אַוועק צ ו פ ו ס.

בינו לבינו איז אויך אָנגעשפּרונגען



דער פ ס ח. „יעקאָפּאָ“ האָט אָרגאַניזירט אַ ספּעציעלע פּסח-קיך און באַזאָרגט אַלעמען מיט מצה.

### 2. געגנט-הילף.

ווי ס'ווערט פעסטגעשטעלט פון די פּראָטאָקאָלן און אַרכיוון פון יענער צייט זיינען אַלע אויבנאויסגערעכנטע מינים פון גיכער הילף דורכגעפירט געוואָרן אין לעבן אויפן בעסטן אופן אַזוי, אַז „יעקאָפּאָ“ האָט זיך שוין ניט באַגרעניצט נאָר מיט ווילנע און ביי דער ערשטער מעגלעכקייט צוגעטראָטן אויסצופאָרשן די לאַגע פון די רעעמיגראַנטן אין געגנט. די אויספאָרשונג האָט געהאַט אַ צוויייאיקן ציל: ערשטנס, פעסטצושטעלן די נויטן און מענטשן-מאַטעריאַל פאַר דער ווייטערדיקער עוואַקואַציע און, צווייטנס, באַקאָנען זיך מיט די איינוואַנדערונגס-באַדינגונגען אין די מקומות, וואוהין עס שטראָמען די רעעמיגראַנטן. צוליב דעם איז דעלעגירט געוואָרן ה' מ. יעווזעראָוו אין אַ ריי פונקטן פון דער נאָענטער פּראָווינץ, ה' ש. אַנ—סקי אין גראָדנע און ה' פ. אַנטאָקויל אין קאָוונע.

אין צוזאַמענהאַנג מיט זייערע באַריכטן איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ קאָנקרעטער און גענויער פּלאַן פון דער ווייטערדיקער אַרבעט. ער איז אָבער ניט פאַרווירקלעכט געוואָרן אין לעבן צוליבן פאַרנעמען ווילנע דורך די פּאָליאַקן.

ב.

אַפּריל 1919—יולי 1920.

### 1. די לאַגע.

מיטן פאַרנעמען ווילנער געביט דורך די פּאָליאַקן האָט זיך, נאָך די בלוטיקע טעג און ביסלעכווייז-אַנטשטאַנענער באַרואיקונג, באַוויזן די מעגלעכקייט פון קומען אין באַרירונג מיט דער גרויסער וועלט און דאָס האָט אַנטדעקט נייע האָריזאָנטן פון אַרבעט. אַנשטאָט דעם,—וואָס ביז איצט האָט זיך די טעטיקייט געקענט פירן אויף די מיטלען פון פּעטערבורגער „יעקאָפּאָ“, וועלכע זיינען שוין צו יענער צייט געווען באַגרעניצטע, האָט דאַן אין פּוילן, להיפך, זיך שוין אָנגעמערקט די גרויסע הילפס-טעטיקייט פון דעם אַמעריקאַנער דזשוינט דיסטריביושן קאָמיטעט, וועלכער האָט, אמת, זיך פאַרנומען נאָר מיט תּמיכה, אָבער, באַזיצנדיק קאָלאָסאַלע געלט-סכומים, האָט ער געגעבן פּערספּעקטיוון פון אַ גראַנדיעזער פאָלקס-אַרבעט אויף אַלע געביטן. די דאָזיקע געלטער האָבן געקענט פאַרווענדעט ווערן אין דער פאָרם, וועלכע די יידישע געזעלשאַפט-לעכקייט וואָלט געפונען פאַר מער פּאַסנד





און נויטיק. די אויסזיכטן האָבן זיך שפּעטער פולשטענדיק באַשטעטיקט.

דער ד. ד. ק., וועלכער האָט זיך אָנגעשטויסן אין ווילנער קאַנט אָן אַ גוט-אָרגאַניזירטער געזעלשאַפטלעכער אָרגאַניזאַציע ווי „יעקאָפּאָ“, האָט אין דער געגנט קיין סעפּעראַטע אַרבעט ניט געפירט. די גרויסע טעטיקייט איז געפירט געוואָרן דורך „יעקאָפּאָ“ אויף די געלט-מיטלען פון ד. ד. ק.

### 2. רעעוואַקואַציע און תמיכה.

קיין צופלוס פון נייע רעעמיגראַנטן האָט זיך מער ניט געקאָנט מערקן. די שלאַכט מיט די באָלשעוויקעס האָט, פאַרשטייט זיך, אויסגעשלאָסן אַזאַ מעגלעכקייט. דעריבער איז די גאַנצע אַכט במילא געלייגט געוואָרן אויף צו באַזאָרגן די רעעמיגראַנטן, וועלכע האָבן זיך געפונען אויפן אָרט. קודם כל זיינען אָנגענומען געוואָרן אַלע מיטלען צו קריגן רייזע-שיינען און אָפּשיקן אַהיים די גליקלעכע, וועלכע האָבן געשטאַמט פון געביטן, באַזעצטע דורך די פּאָליאַקן. צו דער צייט דאַרפן פאַרצייכנט ווערן די גרעסערע פּאַרטיעס, וועלכע זיינען אָפּגעשיקט געוואָרן קיין לידע, גראָדנע, ביאַליסטאָק און סובאַלק.

די פאַרבליבענע אין ווילנע און פּראָווינץ, וועלכע האָבן פאַרלאָרן יעדע האָפענונג צו דערקלייבן זיך אינגיכן אַ היים, האָבן באין ברירה זיך געמוזט צופּאַסן צו די נייע אומשטענדן און נעמען טראַכטן וועגן אַ תכלית. נאָר גרינג האָט זיך דאָס זיי ניט איינגעגעבן און אַ לאַנגע צייט זיינען זיי געווען אָנגעוויזן אויף דער הילף פון „יעקאָפּאָ“, וועלכע האָט זיי באַזאָרגט מיט תמיכה, מעדיצינישע הילף, דירה און האָלץ. די קינדער זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן אין פאַרשיידענע לער-אַנשטאַלטן און עס איז פאַר זיי געצאָלט געוואָרן שכר-לימוד.

### 3. פּראָדוקטיווע הילף.

דער געגנט-קאָמיטעט האָט זיך ניט באַגרעניצט נאָר מיט תמיכה און האָט גענומען זיכן וועגן, ווי אַזוי צו פאַרבעסערן די לאַגע פון די היימלאָזע דורך וועקן אין זיי די פּערזענלעכע איניציאַטיוו. עס איז דורך „יעקאָפּאָ“ געמאַכט געוואָרן אַ פּרוב פון אַרויסגעבן קליין-הענדלער און בעלי-מלאכות קלענערע סומעס ספּעציעל אויף רוי-מאַטעריאַל און מסחר. שפּעטער, אַז דאָס האָט גענומען וויזן גוטע רעזולטאַטן, זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן גרעסערע סומעס אין פאָרם פון הלוואות, באַוואָרנט דורך זשיראַנטן. מ'האָט זיך אַן עצה געגעבן אויך מיט די היימלאָזע, וועלכע האָבן צוליב זייער פרעמדקייט

ניט בעקענט צושטעלן קיין ערבים. פאַר דער קאַטעגאָריע איז באַשטימט געוואָרן אין יאָר 1920 אַ ספעציעלע סומע פון 2.000.000 מאַרק, וועלכע האָט געהאַט דעם ווערט אין יענער צייט פון איבער 10.000 דאָלאַר. די געלט איז אויך אַרויסגעגעבן געוואָרן בתורת הלוואה אויף פערזענלעכע התחייבותן, אָבער אָן ושירעס.

## 4. צופלוס פון רעעמיגראַנטן און אַרויסגעשיקטע.

דאָס פאַרנעמען פון די פאָליאַקן סוף 1919 מינסק און אָנהויב 1920 דווינסק איז געווען אַ וויכטיקע געשעניש, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסע השפעה אויף דעם ווייטערדיקן גאַנג פון דער טראַנסמיגראַציע פון די רעעמיגראַנטן. אויפן גאַנצן שטח פון די ניי-צוגעקומענע צו פוילן געביטן האָט זיך צונויפגעזאַמלט אַ קאָלאָסאַלע צאָל רעעמיגראַנטן, וועלכע האָבן אַרויסגעקוקט מיט אומגעדולד אויפן מאָמענט, ווען ס׳וועט זיין מעגלעך די עוואַקואַציע. דער עיקר צענטער איז געווען מינסק, וואו עס האָבן זיך, געבילדעט אַזוי צו זאָגן לאַנדסמאַנשאַפטן פון יוצאי-קרעווע, ווישנעווע, קרקע און סמאָרגאָן. דאָס באַלדיקע באַזוכן מינסק פון די ה״ה מ. שאַליט און מ. יעווזעראָוו און נאָמען פון „יעקאָפאָ" האָט זיי אינגאַנצן דערמונטערט און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ בשותּפותדיקע אַקציע אויפן געביט פון רעעוואַקואַציע. ביי די ווייטערדיקע אונטערהאַנדלונגען אין ווילנע מיטן פאָרשטייער פון מינסק ה׳ מ. פיינלייב איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ גענויער פלאַן פון קאָאָרדינירן די אַרבעט.

בערך אַזאַ בילד האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט דווינסק, וואו ס׳איז געווען אַ באַדייטנדע צאָל רעעמיגראַנטן פון ווידז. די ערשטע הילף נאָכן פאַרנעמען די שטאָט איז זיי געגעבן געוואָרן אין נאָמען פון „יעקאָפאָ" דורכן ה׳ י. וואַלק, וועלכער האָט אויך אָרגאַניזירט די דאָרטיקע יידישע געזעלשאַפט לטובת די רעעמיגראַנטן אויף צו שטיצן און רעעוואַקוירן זיי קיין פוילן.

דער פוילישער חייל, וועלכער האָט זיך גערוקט אַלץ פאָראויס, האָט, בערך, אין דער זעלבער צייט פאַרנומען דעם גאַנצן שטח מאָלאָדעטשנע—קאָבאַק ביי פאָלאָצק. די מיליטער-מאַכט האָט פאַראָרדנט אַלע דערוואַקסענע יידן ביז 40—35 יאָר צו פאַרלאָזן קאָבאַק אין משך פון זייער אַ קורצער צייט.

די גרויסע צאָל אַרויסגעשיקטע, וועלכע איז באַשטאַנען פון אייניקע הונדערט מאַן, האָט זיך צושפרייט איבער ווילנע און אומגענגנט און פאַרגרעסערט אויף דעם אופן דעם צופלוס פון די היימלאָזע.

ווען מיר זאָלן נאָך צוגעבן, אַז פון צייט צו צייט פלעגן זיך דורכרייסן דורך ניי-סווענציאַן, איגנאַלינע און אַנדערע פונקטן היימלאָזע און רעעמיגראַנטן פון ליטע און מיט דעם אויך פון רוסלאַנד, וועט זיין דער בילד פון צופלוס פאַרפולט.

די אַלע וואַנדערער פלעגן אַממייסטן האָבן זייער מאַרשרוט דורך ווילנע. קומענדיק קיין ווילנע, פלעגן זיי באַזאָרגט ווערן דורך „יעקאָפאָ" מיט קליידער, וועש און שיך, וואַרימע מיטאָגן, דירה און מעדיצינישע הילף.

די רעעמיגראַנטן, וועלכע פלעגן פאָרן די רעקט אויף זייערע ערטער, פלעגן דעלעגירן קיין ווילנע זייערע פאָרשטייער צו באַקומען פאַר אַלעמען די נויטיקע זאַכן. שפעטער זיינען אויסגעוויילט געוואָרן קאָמיטעטן אויף די ערטער, צו וועמען די ניי-אָנגעקומענע רעעמיגראַנטן האָבן זיך געווענדעט נאָך אַלע מינים הילף.

די אויבנדערמאָנטע קאָמיטעטן זיינען געשטאַנען אין איינגן קאָנטאַקט מיט דער צענטראַלע פון „יעקאָפאָ" אין ווילנע.

## 5. יורידישע הילף.

די יורידישע הילף איז אַ רינג אין דער גרויסער קייט פון דער היימלאָזע-טעטיקייט און אַ וויכטיקער באַשטאַנדטייל אין איר. שוין ביים אַריינקומען פון די פאָליאַקן איז זיך אויסגעקומען צו טרעפן זייער אָפט פנים אל פנים מיט דער מאַכט וועגן די ענינים פון היימלאָזע.

בעת דער כוואַליע פון אַרעסטן זיינען די היימלאָזע ניט געשוינט געוואָרן און עס איז אויסגעקומען צו דערוועקן פאַרשיידענע השתדלותן הן אין ווילנע והן אין די קאָנצענטראַציע-לאַגערן, וואוהין די היימלאָזע זיינען פאַרשיקט געוואָרן.

מיט דער נאָרמאַליזירונג פון לעבן איז דורכן געגנט-קאָמיטעט דערלאַנגט געוואָרן דעם גענעראַל-קאָמיסאַר פאַרן מזרח-געביט אַ מעמאָראַנדום מיט דער בקשה צו ערלויבן באַזאָרגן די היימלאָזע מיט באַשטעטיקונגען. די בקשה איז געקרוינט געוואָרן מיט אַן ערפאָלג און געבראַכט אומגעהויערע נוצן. די באַשטעטיקונגען האָבן געדינט טיילווייז אַלס פערזענלעכער דאָקומענט, מיט וועלכע די מאַכט האָט זיך ערנסט גערעכנט. זיי האָבן אויך געדינט פאַר די היימלאָזע אַלס מיטל צו באַקומען ביי דער מאַכט רייזע-שיינען אויף פאָרט-צוזעצן זייערע ווייטערדיקע נסיעות.

די יורידישע אַרבעט האָט אַ לענגערע צייט צוליב פאַרשיידענע סיבות געטראָגן אַ כאַראַקטער פון צופעליקייטן. די נויטווענדיקייט אין אַ פערמאַנענטער און סיסטעמאַטישער אַרבעט איז פון טאָג צו טאָג געוואָרן דרינגנדער און בולטער. אַנטגילטיג איז געלייזט געוואָרן די פראַגע אויף דער ערשטער קאָנפערענץ פון „יעקאָפאָ" דעם 8—9—10-טן סעפטעמבער 1919, וואו ס׳איז געלייגט געוואָרן דער יסוד צו דער גרינדונג ביי „יעקאָפאָ" פון אַ שטענדיקער יורידישער אָפטיילונג, בראש פון וועלכער ס׳איז געשטאַנען אַ קאָלעגיע פון דערפאַרענע יוריסטן.

* * *

די באַדינגונגען פון דער אַרבעט האָבן זיך שוין געהאַט גוט אַנטוויקלט און אָנגענומען אַ נאָרמאַלן כאַראַקטער,—זי איז אָבער אינמיטן צושטערט געוואָרן און ניט דערפירט געוואָרן ביזן סוף צוליבן פאַרנעמען ווילנע איינצייטיק דורך די באָלשעוויקעס און ליטווינער.

ג.

יולי—אָקטאָבער 1920.

## 1. אַנגעלאָפענע.

אָנגעלערנטע פון די שווערע נסיונות ביים איבערביין פון די מאַכטן, האָבן זיך קיין ווילנע אַ לאָז געטאָן אַ גרויסע צאָל יידן פון די דערבייאיקע ישובים, ווי גלובאָקע, דונילאָוויטש און אַ ריי אַנדערע פונקטן, פילנדיק זיך זיכערער אין אַ גרעסערער שטאָט. מהאי טעמא זיינען אויך אַנגעלאָפן אַ פאַר הונדערט פערזאָן פון גראָדנע און ביאַליסטאָק. די מאַטעריעלע לאַגע זייערע איז געווען אַ שרעקלעכע.

די באָלשעוויקעס, הגם זיי האָבן איינגעאָרדנט ספעציעלע היימלאָזע-עוואַקן, האָבן איגנאָרירט די אַנגעלאָפענע און האָבן זיך באַצויגן צו זיי נעגאַטיוו. כדי צו האָבן רעכט אויף שטיצע, האָט דעם סוג היימלאָזע געפעלט די פאָרמעל-יורידישע באַרעכטיקונג. עס איז געווען נאָך אַ סיבה: די באָלשעוויקעס האָבן זיך געפילט ניט אינגאַנצן זיכער, זיינען געזעסן ווי אויף אַ וואולקאַן און במילא האָבן די היימלאָזע-פונקטן זייערע ניט אַנטוויקלט קיין גרויסע טעטיקייט.

„יעקאָפאָ" האָט ניט געקענט צו דעם בלייבן גלייכגילטיק. אַלס אַ ברייט-פאַרצווייגטע הילפס-אָרגאַניזאַציע האָט ניט געטאָרט עקזיסטירן פאַר איר דער פלפול פון פאָרמעלע און ניט פאָרמעלע היימלאָזע. כל-זמן די פערזאָן איז אַ דירעקט מלחמה-געליטענע, אַלץ איינס צוליב וועלכער סיבה, איז עס בגדר היימלאָזע און האָט רעכט אויף שטיצע.

כדי צו האָבן אַן אמתן באַגריף וועגן די נויטן און באַדערפענישן פון יעדן איינציקן, זיינען געבילדעט געוואָרן קאָמיטעטן פון די היימלאָזע זעלבסט, אין וועמענס קאָמפעטענץ עס איז געווען דאָס צונויפשטעלן די רשימות פון די נויט-

באַדערפטיגע אויף צו באַקומען די געהעריגע הילף.

מיט דער צייט זיינען די תושבים פון ווילנער געגנט אָפּגעשיקט געוואָרן דורך „יעקאָפּאָ“ צוריק אויף זייערע ערטער. דאַגעגן די איבעריקע זיינען נאָך אַ לייַנגערע צייט געווען אָנגעוויזן אויף דער הילף פון „יעקאָפּאָ“. וועגן אומקערן זיך אהיים האָט פּאַרלויפיק קיין רייד ניט געקענט זיין, ווייל זייער געביט איז געשטאַנען אונטערן מלחמה-פייער.

## 2. די ערשטע עשאַלאָנען.

לאַנג ערך בעסער איז געוואָרן די לאַגע פון די היימלאָזע-רעעמיגראַנטן אין ווילנע, ווען די באָלשעוויקעס האָבן פאַרלאָזן די שטאָט און די ליטווינער זיינען געבליבן די בעלי-בתים.

זייענדיק על-פי-רוב פון קאָוונער גובערניע, האָבן די היימלאָזע-רעעמיגראַנטן זיך געפונען אין דער גליקלעכער לאַגע, וואָס זיי האָבן באַקומען אַ פרייען צוטריט צו זייערע אַלטע הייכען. האָט זיך טאַקע געגעבן אַ שטאַרקער רוק פאַראויס די רעעוואַקואַציע פון ווילנע.

ווילנע האָט גענומען שפּילן אַ ראָל פון אַ באַדייטנדן טראַנזיט-צענטער און געוואָרן אַ כּלי-קבול פאַר אַ מאַסן-רעעמיגראַציע.

צוליב די פרידלעכע באַציאונגען צווישן רוסלאַנד און ליטע זיינען די רעעוואַקואַציע-מעגלעכקייטן געשטעלט געוואָרן אין גאַנץ נאָרמאַלע תנאים. אָנשטאָט בגנבה אָדער דורך אומלעגאַלע וועגן, האָבן זיך די רעעמיגראַנטן אומגעקערט מיט עשאַלאָנען. דאָס זיינען געווען די ערשטע רעגולערע עשאַלאָנען פון רוסלאַנד.

„יעקאָפּאָ“ האָט אויך דאָ געפונען אַ ברייטן פּלאַץ פאַר אַרבעט: די עשאַלאָנען פלעגן דערפירט ווערן ביז אַ וויאָרסט נאָך דער באַן-סטאַנציע סאָל. דאָ פלעגן זיך די רעעמיגראַנטן איבערזעצן אין די ליטווישע צוגן. מען קען זיך פאָרשטעלן די שמחה פון די רעעמיגראַנטן, ווען זיי האָבן דערשפּירט די נאָענטקייט פון זייערע היימען, זייענדיק נע-ונד חדשים לאַנג אין וועג. דעריבער איז דאָס איבערזעצן זיך אין די צוגן באַגלייט געווען מיט פיל דראַמאַטישע סצענעס, בהלהדיקן פאַרכאַפּן ערטער, טומל אָן אַ שיעור.

עס זיינען אויך געווען אַ סך אַלטע און קראַנקע, וועלכע פלעגן זיך פילן זייער אומבאַהאָלפן און פאַרלאָזן, ווייל יעדער האָט, פאַרשטייט זיך, ביי אַזאַ לאַגע געטראַכט נאָר וועגן זיך. די ליטווישע אָפיציעלע באַגלייטער פון די עשאַלאָנען זיינען געווען ווייט פון סענטימענטן און דעריבער האָט געטראָפן פאַלן, אַז אַ סך פלעגן בלייבן ליגן אויפן פעלד ביז אַ



צווייטן צוג, וועלכער פלעגט אָנקומען ערשט אויף מאָרגן.

ביי אַזאַ לאַגע האָט געקענט אַריינברענגען אַן אָרדענונג אַ מענטש מן הצד, וועלכער קומט מיט אַ פאַראויס באַשטימטן פּלאַן און סדר. די מיסיע פון אויסזעצן אין די וואַגאָנעס האָבן ערפילט די פאָרשטייער פון „יעקאָפּאָ“, וועלכע האָבן באַקומען אַ ספּעציעלע ערלויבעניש פון דער ליטווישער מאַכט צו באַגלייטן די עשאַלאָנען ביזן גרעניץ און אויפנעמען די רעעמיגראַנטן. די פאָרשטייער פון „יעקאָפּאָ“ פלעגן מקבל זיין די רעעמיגראַנטן אויך מיט עסן און טרינקען. דערביי איז ניט געמאַכט געוואָרן קיין אונטערשייד פון ייד ביז קריסט.

עס האָט זיך אויך געפונען אַ עלעמענט, וועלכער האָט ניט געקאָנט אָדער ניט געוואָלט דערוואַרטן זיך אויף די עשאַלאָנען. די פלעגן זיך דערקלייבן מיט פורן ביז דער ליטווישער גרעניץ. צוליב דער גרויסער שמירה פלעגן זיי אַממייסטן פאַרהאַלטן און געבראַכט ווערן צום ליטווישן קאָמענדאַנט פון דער דעמאַרק-ליניע אין דאָרף סלאָבאָדקע 4 וויאָרסט פון גודאָגאַי. דער קאָמענדאַנט פלעגט דעצידירן וועגן זייער ווייטערדיקן מאַרשרוט. זיין באַשלוס איז געווען דער אָנטגילטיקער און פון אים האָט זיך געווענדעט דער גורל פון הונדערטער יידישע נפשות.

מיט דער דערלויבעניש פון דער ליטווישער מאַכט איז דאָרט געזעסן שטענדיק אַ פאָרשטייער פון „יעקאָפּאָ“, וועלכער האָט געבראַכט אומגעהויערע נוצן די רעעמיגראַנטן, געבנדיק זיי מאַטעריעלע הילף און פאַרהיטנדיק זיי פון מעגלעכע עוולות מצד דער גרעניץ-מאַכט.

## 3. אין ווילנע.

די רעעמיגראַנטן, אַלץ איינס אין וועלכער ריכטונג זיי זאָלן ניט פאָרן, פלעגן אַראָפּגעזעצט ווערן אין ווילנע. דאָ פלעגן זיי איינגעאָרדנט ווערן אין ספּעציעלע היימלאָזע-באַראַקן און דורכמאַכן אַ קאַראַנטין.

די ספּעציעלע אָפּטיילונג פון קאָוונער צענטראַלן דעפּאַרטאַמענט פאַר היימלאָזע פלעגט דורכקאָנטראָלירן איבער אַ נייס די דאָקומענטן פון די רעעמיגראַנטן און נאָכדעם אָפּשיקן זיי גרופּעסווייז אין עשאַלאָנען קיין ליטע צו 2—3 הונדערט מאַן אין אַ ריכטונג.

אין משך פון דער צייט זיינען דורך ווילנע דורכגעפאָרן בערך אַ 2,000 רעעמיגראַנטן, דער גרעסטער טייל יידן. די באַציאונג פון דער ליטווישער אַדמיניסטראַציע צו די יידישע היימלאָזע איז ניט שטענדיק געווען אַ געוואונטשענע. דער געגנט-קאָמיטעט האָט אָנגענומען





די נויטיקע מיטלען דאָס צו באַזייטיקן. אַדאַנק דער פאָדערונג פון „יעקאָפּאָ“ האָט דער פאָרשטייער פון דער ליטווישער מלוכה ה׳ יאַנינאַס מסכים געווען אויף דער דעלעגירונג פון אַ „יעקאָפּאָ“-פאָרשטייער אויפן היימלאָזע-פּונקט, וועלכער זאָל באַהילפיק זיין ספּעציעל די יידישע היימלאָזע. פון דאַן אָן האָבן זיך די באַציאונגען געביטן צום גוטן.

חוץ דעם האָט דער געגנט-קאָמיטעט געהאָלפן די רעעמיגראַנטן אין ספּעציעל יורידישן זין. דאָס איז געווען אַן ערנסטע און ברייט-פאַרצווייגטע אַרבעט, וועלכער איז אָפּגעגעבן געוואָרן פיל אויפמערקזאַמקייט.

די דערנערונג פון די רעעמיגראַנטן איז געווען אַוועקגעשטעלט אויף דער נויטיקער הייך. חוץ געלט-שטיצע זיינען זיי באַזאָרגט געוואָרן מיט וואַרימע מיטאָגן אין דער ספּעציעל איינגעאָרדנטער קיך. מיט די מיטאָגן האָבן זיי זיך באַנוצט די גאַנצע צייט, וואָס זיי האָבן פאַרבראַכט אין ווילנע.

עס איז אויך געגרינדעט געוואָרן דורך „יעקאָפּאָ“ אַ שטאָטישע היימלאָזע-ביוראָ נאָענט צום וואָקזאַל צו באַדינען ספּעציעל די ניי-אָנגעקומענע רעעמיגראַנטן מיט עצות און אָנווייזונגען און לינדערן ווי ווייט מעגלעך זייערע נויטן.

די אַרבעט אין דעם קורצן פּעריאָד האָט געטראָגן אַ כאַראַקטער פון אַ רעעוואַקואַציע-פיבער: ברענגען וואָס גיכער צום געוואונטשענעם ברעג די אַלע פּערזאָנען, וואָס לעכצן שוין אַזוי לאַנג נאָך דעם.

צוזאַמען מיט די רעעמיגראַנטן האָבן זיך אַריינגעשמוגלט אַ שפּאָר ביסל עמיגראַנטן. דער געגנט-קאָמיטעט האָט דעלעגירט אַ פאָרשטייער קיין קאָוונע, וואו עס האָבן זיך געפונען צענטראַלע עמיגראַציע-געזעלשאַפטן, כּדי צו רעגולירן די עמיגראַציע קיין אַמעריקע.

אינגיכן איז ווילנע פאַרנומען געוואָרן דורכן גענעראַל זשעליגאָווסקי און מיט דעם איז געקומען אַ סוף צו אַלע אָנגעמערקטע פּלענער.

ד.

אָקטאָבער 1920—מאַי 1921.

## 1. ווייטערדיקע רעעוואַקואַציע.

צוליב פאַרשיידענע מאָמענטן אין דער פּאָליטישער קאָניונקטור צווישן פּוילן און ליטע, וואָס האָט, לפנים, מילדער געמאַכט די שאַרפע באַציאונגען צווישן די ביידע קעמפנדע צדדים איז אַרויסגעקומען ראשית כּל אַ טובה די רעעמיגראַנטן. די רעעוואַקואַציע פון די פאַרבליבענע אין ווילנע איז ווידער געשטאַנען אויף דער טאָגאָרדענונג און האָט באַגעגנט אַ פּאָזיטיווע פאַרענטפערונג און אַ פאַרשטענדעניש

פאַר דער זאַך הן מצד די פּאָליאַקן והן מצד די ליטווינער.

דערווייל איז אַרויסגעשוואומען נאָך אַ וויכטיקע פּראַגע, נעמליך: ערלויבן אומקערן זיך קיין ווילנע די פּערזאָנען, וועלכע זיינען פאַרבליבן אין ליטע צופעליק און די, וועלכע זיינען במחשבה תחילה אַנטלאָפן, מורא האָבנדיק ס׳זאָל זיך ניט איבערחזרן די בלוטיקע טעג פון אַפּריל 1919.

היות, ווי די פאָרטזעצונג פון דער רעעוואַקואַציע, ווי אויך דער צוריקקער פון ליטע איז געווען נוגע דער עיקר דער יידישער באַפעלקערונג, האָט „יעקאָפּאָ״ אָנגעווענדעט דעם מאַקסימום ענערגיע אַרויסצובאַקומען די נויטיקע ערלויבעניש אויף דעם ביי דער מאַכט, ווי אויך פאַרגיכערן און פאַרלייכטערן דעם טראַנזיט ווי ווייט מעגליך.

מען דאַרף אונטערשטרייכן, אַז די באַציאונג פון דעפּאַרטאַמענט פאַר סאָציאַלער הילף ביי זשעליגאָווסקיס רעגירונג, וועלכער האָט פאַרוואַלטעט מיט די היימלאָזע־ענינים, איז געווען אַ גוטע און טאָלעראַנטע און ער איז כמעט שטענדיק אַנטקעגן געקומען די בקשות און מעמאָראַנדומס פון „יעקאָפּאָ״.

מיטן ענין פון אומקערן די פּליטים פון ליטע האָט זיך פאַראינטערעסירט דער דאַמאָלסדיקער דירעקטאָר פון דעפּאַרטאַמענט פאַר סאָציאַלער פאַרזאָרגונג ה׳ ענגעל, וועלכער האָט וועגן דעם אונטערגעהאַנדלט אַזש אין וואַרשע און די זאַך איז געקרוינט געוואָרן מיט ערפאָלג.

זי איז דורכגעפירט געוואָרן לויט פאָלגנדער פּראָצעדור: נאָך אַ פאַרשטענדיקונג מיט דער מאַכט זיינען דורך „יעקאָפּאָ״ צונויפגעשטעלט געוואָרן די פּערסאָנאַלע רשימות. ס׳זיינען געווען 3 קאַטעגאָריעס: 1) רעעמיגראַנטן פון קאָוונער ליטע, 2) שטענדיקע איינוואוינער פון ליטע—צופעליק פאַרבליבענע אין ווילנע און 3) פרויען אָדער קינדער, וועמענס מענער און עלטערן עס זיינען צופעליק פאַרבליבן אין ליטע, און ווילן שוין דאָרט באַזעצן זיך אויף שטענדיק.

די רשימות פלעגן איבערגעשיקט ווערן אין דער זשאַנדאַרמעריע, נאָכדעם פלעגן די באַטרעפנדע פּערזאָנען אויסגעפאָרשט ווערן דורך דער ליטווישער דעלעגאַציע, וועלכער פלעגט צו אַ באַשטימטער צייט קומען קיין ווילנע. די דעלעגאַציע פלעגט אויך געבן די ערלויבענישן אַריינצופאָרן קיין ליטע.

בסך־הכל זיינען איבערגעשיקט געוואָרן אַ טריטהאַלבן טויזנט מאַן.

דער אופן פון איבערשיקן איז געווען אַזאַ: דער גרעסטער טייל איז עוואַקואירט



געוואָרן דירעקט קיין קאָוונע מיט ליטווישע צוגן, וועלכע פלעגן ברענגען מיט זיך צוריק די ווילנער פּליטים פון קאָוונער ליטע. אַ מעוט איז אָפּגעשיקט געוואָרן מיט פּוילישע צוגן ביז ניי־סווענציאַן און דאָרטן מיט פורן ביז אַריבער די ליטווישע גרעניץ. אַ טייל זיינען אָפּגעשיקט געוואָרן דירעקט מיט פורן. עס זיינען אויך געווען פוס־גייער.

דאָס איז וועגן ענין ליטע. גרינגער איז אָנגעקומען די רעעוואַקואַציע פון די פּוילישע רעעמיגראַנטן און אָנגעלאָפענע, וועלכע האָבן זיך געפונען אין ווילנע. זיי האָבן זיך באַנוצט מיט דער געלעגנהייט, וואָס זייערע שטעט און שטעטלעך זיינען פריי געוואָרן און האָבן זיך ביסלעכווייז עוואַקואירט אַהיים.

חוץ דער גרויסער יורידישער הילף, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט דער אַרבעט, זיינען די רעעוואַקואַנטן הן קיין ליטע והן קיין פוילן באַזאָרגט געוואָרן דורך „יעקאָפּאָ״ מיט געלט, קליידער, שיך און וועש. די, וועלכע זיינען געפאָרן מיט פורן, האָבן באַקומען ספּעציעלע פור־געלט.

## 2. טראַנזיט פון רוסלאַנד.

דער פּרעלימינאַרער שלום, וועלכער איז געשלאָסן געוואָרן צווישן די פּאָליאַקן און באָלשעוויקעס דעם 12 אָקטאָבער 1920, האָט צוגעגרייט אַ באָדן פאַר דעם ווייטערדיקן טראַנזיט פון רוסלאַנד, וועלכער איז אַנטגילטיק פאַראַליזירט געוואָרן זינט דאָס פאַרנעמען ווילנע דורך זשעליגאָווסקיס מיליטער.

מיטן שליסן דעם צייטווייליקן שלום, איז, אמת ניט אַנטשיידט געוואָרן די אַלגעמיינע פראַגע פון אַ ברייטערער רעעוואַקואַציע פון רוסלאַנד. אָבער עס האָט געמאַכט צוטריטלעך דאָס אַריינדרינגען אין פוילן פון קלענערע גרופּעס היימלאָזע און רעפּאַטריאַנטן, וועלכע זיינען שוין פון לאַנג אַרויסגעשטויסן געוואָרן פון זייערע פּאָזיציעס און האָבן געוואַרט ווי אויף משיחן אויף דער מעגלעכקייט צוריקצוקערן זיך אַהיים.

און אַזוינע זיינען געווען אַ סך: אַנטלויפנדיק פון די שחיטות און פּאָגראָמען, געטריבן פון דער שווערער עקאָנאָמישער לאַגע, האָבן זיי זיך מאַסנווייז צוזאַמענגעקליבן אין מינסק, ניט האָבנדיק קיין מעגלעכקייט לעגאַל אַריבערצופאָרן קיין פוילן, האָבן זיי געבלאָנדזשעט דורך וועגן און שטעגן צופוס, די מטלטלים אויף די פּלייצעס און די קינדער ביי די הענט, ביז זיי האָבן זיך מיט סכנת נפשות, אויסבאַהאַלטנדיק זיך פון די באָלשעוויסטישע פּאָסטנס, דערקליבן צו דער פּוילישער גרעניץ.



גרעסטנטיילס פלעגן די וואַנדער־וועגן זיין ראַקאָוו, ראַדאָשקאָוויטש, קראַסנע, איליע און אַנדערע פּונקטן פון דעם געגנט. די רעפּאַטריאַנטן פלעגן פאַרהאַלטן ווערן דורך דער גרעניץ־וואַך, וועלכע פלעגט זיי אָפּשיקן אין צענטראַלן היימלאָזע־פּונקט אין מאָלאָדעטשנע, וואו זיי פלעגן אויסגעפאָרשט ווערן דורך דער מאַכט.

הגם די צענטראַלע מאַכט האָט זיך באַציגן זייער גוט צום גורל פון אַלע רעפּאַטריאַנטן, ניט אויסשליסנדיק אויך די יידישע, איז אָבער גאָר אַן אַנדער באַציאונג געווען צו די יידישע רעעמיגראַנטן מצד דער מאָלאָדעטשנער מאַכט. די יידן זיינען אויסגעשטאַנען פאַרשיידענע שיקאַנירונגען, פלעגן וואַלגערן זיך גאַנצע וואָכן אָן אַן אויספאָרשונג און עס זיינען געווען אויך פאַלן פון אומקערן צוריק קיין רוסלאַנד.

„יעקאָפּאָ״ האָט אין אַ באַזונדערן מעמאָראַנדום אויפגעקלערט דעם ענין דעם דעפּאַרטאַמענט פאַר סאָציאַלער פאַרזאָרגונג און אַלס רעזולטאַט פון דעם איז ספּעציעל דעלעגירט געוואָרן קיין מאָלאָדעטשנע אַ באַאַמטער פון אויבנדערמאָנטן דעפּאַרטאַמענט. „יעקאָפּאָ״ האָט פון איר זייט אויך דעלעגירט אַ באַפולמעכטיקטן. אַ דאַנק דער בעמיינזאַמער אויספאָרשונג האָט זיך די לאַגע באַדייטנד פאַרבעסערט. דערביי איז באַשטימט געוואָרן דורך „יעקאָפּאָ״ מיטן וויסן פון דעפּאַרטאַמענט און מיט זיין ערלויבעניש אַ ספּעציעלער פאָרשטייער, וועלכער איז אין משך פון אייניקע חדשים געזעסן אין מאָלאָדעטשנע און מיטגעהאָלפן די רעפּאַטריאַנטן מיט יורידישער און מאַטעריעלער הילף.

עס זיינען אויך געווען צופאַלן, ווען רעפּאַטריאַנטן פון פוילן פלעגן דורכמאַכן אַ קרייז־וועג דורך לעטלאַנד־ליטע. זיי פלעגן זיך גרעסטנטייל צונויפזאַמלען ביי דער דעמאַרק־ליניע לעבן ניי־סווענציאַן, וואו זיי פלעגן קאָנטראָלירט ווערן דורך דער אָרטיקער גרעניץ־מאַכט און דורכגעלאָזט ווערן קיין פוילן.

אָן יורידישער און מאַטעריעלער הילף פלעגן אויך זיי זיך ניט באַגיין. די ניי־סווענציאַנער יידישע קהילה מיט דער הילף פון „יעקאָפּאָ״ פלעגט זיי באַהילפיג זיין אין זייערע נויטן.

מיר ווילן פאַרנאָטירן אויך אַזאַ צופאַל: אַ גאַנצער עשאַלאָן פון 5—6 הונדערט רעעמיגראַנטן פון פוילן איז על־פי טעות אָנשטאָט לעטלאַנד—פוילן אָפּגעשיקט געוואָרן דורך לעטלאַנד קיין ליטע.

די ליטווישע מאַכט האָט זיי צוגעשטעלט צו דער נייטראַלער זאָנע לעבן

קאַלטיניאַן און לינגמיאַן. די פּוילישע גרעניץ-מאַכט האָט זיך אַנטזאָגט זיי צונעמען און זיי זיינען אַלע געבליבן אונטערן פרייען הימל. צום גליק האָט זיך זייער אַ דעלעגאַציע דערקליבן ביז ווילנע צו „יעקאָפּאָ". לויט דער השתדלות פון דער לעצטער איז דורך דער מיליטערישער מאַכט דעלעגירט געוואָרן צו דער נייטראַלער זאָנע אַ פאַרשטייער, וועלכער האָט אויף אָן אָרט קאָנטראָלירט זייערע דאָקומענטן און דורכגעלאָזן זיי קיין פוילן. צוזאַמען מיט אים איז אויך מיטגעפאָרן אַ באַפולמעכטיקטער פון „יעקאָפּאָ" מיט אַ טראַנספּאָרט פון ביסקויט און מילך פאַר קראַנקע און קינדער ווי אויך געלט-מיטלען פאַר די נויטבאַדערפטיקע.

ווי שטענדיק פלעגן די רעעמיגראַנטן קאָנצענטרירן זיך אין ווילנע. ביסלעכווייז פלעגן זיי רעעוואַקואירט ווערן, ווער קיין פוילן—ווער קיין ליטע. די קיך האָט געאַרבעט זייער אינטענסיוו. עס פלעגן דעמאָלט אַרויסגעגעבן ווערן ביז 600 מיטאָגן טעגליך. געלט-שטיצע פלעגט געגעבן ווערן אויף אָנבייסן און אָוונט-ברויט, דירה, באַן-געלט און פורן. כמעט אַלע האָבן באַקומען קליידער, וועש און שיך.

### 3. אַנ—סקי-קינדערהיים.

אין דער צייט פון די גרויסע שטראָמען רעעמיגראַנטן, וואָס האָבן זיך כסדר געביטן, האָבן מער פון אַלעמען געליטן די קינדער. די עלטערן, על-פּי רוב פון ליטע, וועלכע האָבן זיך בכלל געפונען אין ווילנע צייטווייליק ביז אַ מעגליכקייט פאָרטצוזעצן זייער נסיעה, האָבן געהאַט אַנדערע, וויכטיקערע דאגות און עס איז קיין חידוש ניט, אַז זיי האָבן איבערגעלאָזן די קינדער אויף גאָטס-באַראָט.

וועלנדיק איזאָלירן די קינדער פון דער שלעכטער השפּעה פון דער גאַס, ווי אויך פאַרקרעפטיקן זייערע שוואַכינקע גופימלאַך, וועלכע זיינען אַזוי חרוב געוואָרן פון די וואַנדערנישן און פון דער אַנדער זייט באַפרייען זייערע מוטערס און געבן זיי די מעגלעכקייט פון אַרבעט אין משך פון טאָג האָט דער געגנט-קאָמיטעט געעפנט אַ ביטאָגיקע קינדער-היים, וואו עס זאָל זיך אויפהאַלטן דער אויבנדערמאָנטער מין קינדער. די קינדערהיים האָט שפּעטער געטראָגן דעם נאָמען: „אַנ—סקי קינדער-היים", לזכר פון דעם פאַרשטאָרבענעם שריפטשטעלער און מיטגליד פון געגנט-קאָמיטעט.

די קינדערהיים איז געעפנט געוואָרן אין נאָוועמבער 1920 און האָט עקזיסטירט ביז מאַי 1921.

די וואוינונג איז באַשטאַנען פון 7 גרויסע צימערן און איז געווען איינגעריכטעט זייער באַקוועם פאַר די קינדער.

דער קינדער-מאַטעריאַל איז אויסגעקליבן געוואָרן נאָר פון די ניי-אָנגעקומענע רעעמיגראַנטן, וועלכע פלעגן זיך צייטווייליק אָפּשטעלן אין ווילנע ביז דער ווייטערדיקער נסיעה. ביים אָנקומען פלעגן די קינדער געפירט ווערן אין באָד, באַקליידט און באַשוכט ווערן.

די טעגליכע צאָל קינדער איז געווען ניט קיין שטאַנדהאַפטיקע, נאָר אַ באַוועגליכע. זי איז געווען אָפּהענגיק פון דער צאָל צוגעקומענע רעפּאַטריאַנטן אין ווילנע. די מינימאַלע צאָל קינדער טעגליך איז געווען 20, די מאַקסימאַלע—40.

דער עיקר אכט איז געלייגט געוואָרן אויף דער דערנערונג. אין משך פון די 8 שעה, וועלכע די קינדער פלעגן פאַרברענגען אין קינדערהיים, האָבן זיי באַקומען זאַט צום עסן און אַ גוטע אויפפּאַסונג.

מיט דער אויפזיכט האָט אָנגעפירט די פאַרוואַלטערין און אַ ספּעציעלע ערציערין. פאַרשטייט זיך, אַז וועגן אַ רעגולערער דערציאונג האָט קיין רייד ניט געקענט זיין, ווייל דער עלעמענט איז געווען ניט קיין שטאַנדהאַפטיקער און האָט זיך כסדר געביטן מיטן אָנקומען פון נייע עשאַלאָנען. דער טאָג פלעגט אַריבער אין ערציילונגען, געשפּרעכן, געזאַנג און פאַרשיידענע קינדער-שפּילן. די גרעסערע האָבן זיך פאַרנומען מיט האַנט-אַרבעט. אין די גוטע וועטערן פלעגן די קינדער געפירט ווערן שפּאַצירן.

די רעזולטאַטן זיינען געווען זייער גוטע: צוגענומענע אויפן גאַנצן טאָג פון זייערע פינסטערע און פייכטע דירות און געפינענדיק זיך אין אַ היימישער, געזונטער סביבה פון ליבע און צאַרטע באַציאונגען, זאַטע און רואיקע—פלעגן זיך די קינדער אין משך פון גאָר אַ קורצער צייט אומבייטן לגמרי און פלעגן זיך ממש אָפּכאַפּן. די פּנימלעך זיינען ביי זיי געוואָרן מונטער און פריילעך און דער געזונט-צושטאַנד שטאַרק פאַרבעסערט.

די מוטערס, ווידער, ווערנדיק באַפרייט דעם גאַנצן טאָג פון די קינדער, פלעגן זיך קענען אַרומזען און אויפטאָן וואָס פאַר זיך.

## צווייטע תקופה.

## אויפן וועג פון קאָנסטרוקטיווער אַרבעט.

מיטן שליסן שלום צווישן פוילן און רוסלאַנד אין אַפּריל 1921 האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע תקופה אין לעבן פון די רעעמיגראַנטן. ס'איז אַנטגילטיק רעגולירט געוואָרן די אָנגעווייטאָגטע פראַגע וועגן אַ גרויס-רעעוואַקואַציע פון רוסלאַנד קיין פוילן און עס איז אַנטשטאַנען אַ נאָרמאַלער עשאַלאָנען-פאַרקער צווישן די ביידע לענדער.

די פּוילישע רעגירונג, וועלכע האָט זיך זייער ערנסט פאַרנומען מיטן צוריקקער פון די רעפּאַטריאַנטן, האָט איינגעאָרדנט אין אַ ריי גרעניץ-פּונקטן לאַגערן, דער ציל פון וועלכע ס'איז געווען אויפצונעמען די רעעמיגראַנטן און איזאָלירן זיי די ערשטע צייט פון דער אַרומיקער סביבה צוליב מעגלעכע עפּידעמישע קראַנקייטן.

אויף צו זאָרגן וועגן דער סאַניטאַר-מעדיצינישער זייט פון די רעעמיגראַנטן ווי אויך וועגן זייער דערנערונג, איז געגרינדעט געוואָרן אַ ספּעציעלע רעגירונגס-אַנשטאַלט אונטערן נאָמען „יו"ר".

מיט דער רעכטלעך-פּאָליטישער זייט פון די רעעמיגראַנטן האָט זיך פאַרנומען די אַזוי גערופענע „סטאַציאַ-קאָנטראָלנאַ", וואָס האָט בודק געווען די אָנגעהעריקייט פון די באַטרעפנדע פּערזאָנען צו פוילן און האָט געגעבן השגחה אויף זייער פּאָליטישער כשרות.

די נייע רעפּאַטריאַציע האָט מיט זיך געבראַכט אַ ענדערונג אין דעם רעעמיגראַנטן-מאַטעריאַל. אַנשטאָט דעם, וואָס ווילנער געגנט איז ביז איצט געווען בעיקר אַן אָפּרו-פּונקט, אַ מקום מקלט פאַר דורכוואַנדערער, איז אונזער געגנט געוואָרן איצט אַ פּלאַץ פאַר די רעעמיגראַנטן, וועלכע קומען צוריק אין זייערע אַלטע היימען.

צו יענער צייט איז אויך פאָרגעקומען אַ רעקאָנסטרוקציע פון ד. ד. ק., וועלכער האָט זיך איבערגעבויט אויף איינצלנע פאַך-דעפּאַרטאַמענטן און צווישן זיי האָט דער היימלאָזע-דעפּאַרטאַמענט פאַרנומען דעם גרעסטן אָרט.

דער „יעקאָפּאָ"-אַפּאַראַט האָט תיכף אויסגעבילדעט ביי זיך אַ ספּעציעלע צענטראַלע היימלאָזע-אָפּטיילונג, וועלכע האָט פאַרשפּרייט די טעטיקייט אויף די גאַנצע פּראָווינץ, וואו ס'איז נאָר געווען אַ קיבוץ פון היימלאָזע און רעפּאַטריאַנטן. אין די גרעסערע פּונקטן פון ווילנער און נאָוואָגרודקער ראַיאָן האָט זי געהאַט אירע אָפּטיילונגען, וועלכע האָבן געגעבן הילף די נויטבאַדערפטיקע און פאַרענטפערט ווי ווייט מעגלעך זייערע נויטן און באַדערפענישן.

## ה.

מאי 1921 — אָקטאָבער 1923.

## צענטראַלע היימלאָזע-אָפּטיילונג.

די שטאַנדהאַפטיקייט פון דער אויסערלעכער פּאָליטישער לאַגע האָט געפאָדערט אַן איבערשאַצונג פון דער פאָרם און תכלית פון דער אַרבעט. די גיכע הילף, לכתחילה אַ מוז-זאַך, האָט געדאַרפט אָפּטרעטן דעם פּלאַץ פאַר דער קאָנסטרוקטיווער און וואָס גיכער אַלץ בעסער: אין דער ריכטונג האָט די צענטראַלע היימלאָזע-אָפּטיילונג פון „יעקאָפּאָ“ געאַרבעט.

די סיסטעם האָט ניט געקענט אָנגעווענדעט ווערן צו אַלעמען מיט איין און דערזעלבער מאָס און איין און דערזעלבער צייט. אין אַלגעמיין, אָבער, איז דאָס פאַרווירקלעכט געוואָרן אומגעפער לויט פאָלגנדן פּלאַן: גיכע הילף, קינדער-פאַרזאָרגונג, פּראָדוקטיווע הילף און אײַפבויאונג פון די חרוב-געוואָרענע הייזער.

אין די קומענדיקע פּרקים וועלן מיר פונאַנדערקלייבן, וואָס ס׳איז אויפגעטאָן געוואָרן אויף יעדן געביט באַזונדער.

### I. גיכע הילף.

### 1. היימלאָזע-ביוראָען.

הגם דער גרעסטער טייל פון די רעפּאַטריאַנטן האָט באַקומען דאָס פולע רעכט אומצוקערן זיך פון רוסלאַנד אָפיציעל און לעגאַל מיט עשאַלאָנען, זיינען נאָך אָבער געבליבן אַ סך עלעמענטן, וואָס אָדער זיי האָבן געהאַט גרויסע שוועריקייטן ביים באַקומען די ערלויבענישן אָדער האָבן בכלל קיין רעכט ניט געהאַט אַריינצוקומען קיין פּוילן, אָבער זיינען דערצו געטריבן געוואָרן דורך די אומברחמנותדיקע געשעענישן. דעריבער איז אויך נאָכן רעגולירן די רעפּאַטריאַציע אויפן לעגאַלן וועג לויט דעם ריגער אָפּמאַך, דאָך פאַרבליבן די אָפּטע דערשיינונג פון אומלעגאַלן דורכוואַנדערן אויפן גאַנצן שטח פון אונזערע גרעניץ-פונקטן. דערצו האָבן גורם געווען:

א) די אייגנאַרטיקע באַציאונגען צו די יידישע רעפּאַטריאַנטן מצד די רעפּאַטריאַציע-אָרגאַנען, וועלכע פלעגן ניט זעלטן מאַכן כל המינים שוועריקייטן דעם יידישן רעעמיגראַנט ביים רעגיסטרירן זיך אויף צו פאָרן קיין פּוילן. די באָלשעוויקעס, זעענדיק אין יעדערן אַ בורזשוי און די פּאָליאַקן — אַ באָלשעוויק.

ב) דאָס זוכן אַ שוץ פון די פּאָגראָמען און אַכזריותן אין אוקראַינע און ווייסרוסלאַנד מצד עלעמענטן, וועלכע האָבן פאָרמעל צו פּוילן קיין שייכות ניט,



און וועלכע מיר קוואַליפיצירן אונטערן אַלגעמיינעם באַגריף „היימלאָזע“.

ג) עמיגראַנטן.

ד) פּאָליטיש פאַרפאָלגטע, ווי למשל, ציונים, חלוצים, אָרטאָדאָקסישע טוער און אַנדערע.

די אויסגערעכנטע קאַטעגאָריעס רעפּאַטריאַנטן און היימלאָזע, ניט האָבנדיק קיין מעגלעכקייט צו קומען קיין פּוילן לעגאַל, האָבן אויסגעקליבן די וועגן פון קלענערן ווידערשטאַנד און אַריינגעפאַלן דאָס רוב אין די אָרעמס פון פאַרשיידענע מאַכערס און אַגענטן, אין וועמעס הענט זיי פלעגן איבערגעבן זייער גורל.

ניט אַלעמאָל האָבן די היימלאָזע דערגרייכט זייער ציל בשלום. הונדערטער פאַראַזיטן האָבן אויף דעם געשלאָגן קאַפּיטאַל. ס׳זיינען פאַראַן אָן אַ שיעור פאַלן, ווען די היימלאָזע זיינען באַשווינדלט און איבערגעלאָזן געוואָרן אין מיטן וועג אויף הפקר. די גליקלעכערע, וועלכע פלעגן בשלום מיידן די באָלשעוויסטישע פּאָסטנס, זיינען דורך די אַגענטן פאַראָרימט געוואָרן. מ׳האָט פון זיי אויסגעצאַפּט די לעצטע פּאָר גראָשן און זיי איבערגעלאָזן אין אַ קאַטאַסטראָפאַלער לאַגע.

דערגרייכנדיק די פּוילישע גרעניץוואַך, פלעגן זיי אָפּגעשיקט ווערן אין די דערבייאיקע פּאָליציי-פּאָסטנס אָדער



סטאַציע-קאָנטראָלנא אויף אַ חקירה ודרישה.

דאָ ווייזט זיך אַרויס די אומגעהויער וויכטיקע אויפגאַבע, וועלכע ס׳האָבן ערפילט די היימלאָזע-ביוראָען, געבנדיק באַלדיקע הילף. דאָס איז געווען אַ מצות-עשה, אַ לעבנס-פראַגע פאַר טויזנטער נפשות.

אַדאַנק דער געזעלשאַפטלעכער זייט פון דער הילפס-אַקציע, ווי אויך דער זאַכלעכער און טאַקטישער האַנדלונג מצד אונזערע אָרטיקע פאָרשטייער אין די פּראַגן פון אינטערווענץ, האָבן זיי זיך גוט פאַררעקאָמענדירט ביי דער מאַכט און געהאַט אַ פרייען צוטריט אין יעדער צייט, ווען די היימלאָזע פלעגן געבראַכט ווערן.

די היימלאָזע פלעגן קומען אויסגעהונגערטע, און געפּלאָגטע און צעבראָכענע פלעגט מען די פאַרהאַלטענע נעמען צום פאַרהער. אין דער פרעמד, עלנד און פאַרלאָזן, אַריבערטראָגנדיק פיזישע און מאָראַלישע יסורים, פלעגן די היימלאָזע בלייבן אָן כוחות און ס׳פלעגן זיך אָפּשפּילן האַרצרייסנדע סצענעס פון אַלטע און קראַנקע, ווייבער און קינדער, וועלכע פלעגן באַקומען ספּאַזמען אָדער פאַלן אין חלשות, געוואָר ווערנדיק, אַז זיי ווערן אָפּגעשיקט צוריק, פונוואַנען זיי זיינען אַנטלאָפן.



אַ גרופּע היימלאָזע

אין אַזוינע מאָמענטן פלעגן זיי באַגעגנט ווערן דורך אונזערע פאָרשטייער מיט עסן, טרינקען און אַ גוט-וואָרט. דערמונטערט און דערמוטיקט, אַרומגערינגלט דורך מענטשן מיט די ריינסטע מחשבות און בעסטע כוונות צו העלפן זיי אין דער נויט, פלעגן זיי זיך דערפילן ווי מענטשן און קומען צוזיך.



דער עיקר שווער-פונקט איז, אָבער, באַשטאַנען אין דער יורידישער הילף, וואָס פלעגט קומען נאָכדעם: אינטערווענצן און השתדלותן, וואָס אונזערע פאָרשטייער האָבן דערוועקט אין פּאָליציי, סט. קאָנטראָלנא, סטאַראָסטוועס און „יור״ן“.

די רעעמיגראַנטן האָבן זיך

בענויסיקס אין מיטהעלפן פעסטצושטעלן זייער אָנגעהעריקייט צו פּוילן און זייער בירגעררעכט; די היימלאָזע—אין באַקומען דאָס רעכט צייטווייליק צו פאַר-בלייבן; די פּאַלישע — אין אזיל-רעכט; די עמיגראַנטן—אין וואוינ-רעכט ביזן באַקומען די מעגלעכקייט אָפּצופאָרן קיין אַמעריקע א. אַ. וו.

דערביי האָט זיך יעדערער געהאַט זיינע ספּעציעלע זאָרגן און אינטערעסן. יעדע פּערזאָן—אַן עולם בפני עצמו. ס'איז אויסגעקומען ווענדן זיך—דאָס רוב טעלעגראַפיש—צו די קרובים פון די רעעמיגראַנטן, אַז זיי זאָלן באַזאָרגן די פאַרהאַלטענע מיט אויסצוגן פון די שטאַנד-ביכער אָדער אַנדערע מינים דאָ-קומענטן. מ'פלעגט זיך אויך פאַרבינדן אין אַנדערע פאַלן מיט די קהילות און קאָמיטעטן, וואו די באַטרעפנדע פּערזאָן קאָן באַשטעטיקט ווערן אויפן סמך פון באַגלויבטע עדות אָדער אַנדערע באַווייזן, אַז זי געהערט צו פּוילן. וועגן די היימלאָזע און עמיגראַנטן פלעגט מען זיך פאַרבינדן מיט די צענ-





גרופּעס היימלאָזע

סראַלע יידישע אינסטיטוציעס אין וואַרשע אויף משתדל צו זיין זיך ביי דער העכע-רער מאַכט צו געבן זיי צייטווייליקע וואוינרעכט, אויב עס האָט זיך ניט איינגע-געבן פועלן דאָס ביי דער אָרטיקער מאַכט.

ווי ס'איז צו זען, איז די אַרבעט געווען אַ פאַרשיידנאַרטיקע און פאַר-צווייגטע, אָפטמאָל אויך אַ פאַרשלעפטע. ס'פלעגן דעריבער אָנגענומען ווערן אַלע מיטלען, אַז מע זאָל די צווייפלהאַפטע פּערזאָנען ביז וואָס-ווען ניט אַרויסשיקן.

היימלאָזע-ביוראָען האָט „יעקאָפּאָ“ גע-האַט אין די פאָלגנדע גרעניץ-און טראַנזיט-פונקטן: ווילנע, מאָלאָדעטשנע, ווילייקע, גלובאָקע, ראַקאָוו, ראַדאָשקאָוויטש, קראַסנע, דיסנע, פּליסע, דווינסק, נאָוואָ-סווענציאַן, דוקשט, איגנאַלינע, לינגמיאַן, לידע און נאָוואָגרודאָק.

פאַרשטייט זיך, אַז די טעטיקייט פון די ביוראָען קען ניט אָפּגעשאַצט ווערן אונטער איין מאָס און זיי דאַרפן כאַראַק-טעריזירט ווערן באַזונדער.

## 2. רעעמיגראַנטן-קאָמיסיעס.

חוץ די היימלאָזע-ביוראָען אויף די גרעניץ-און טראַנזיט-פונקטן זיינען אָר-גאַניזירט געוואָרן קאָמיסיעס אויף די ערטער. די נפקא-מינה איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס די ערשטע האָבן באַזאָרגט בעיקר די דורכגייענדע, די צווייטע—בעיקר די צוריקקומענדיקע תושבים.

פאַרשטייט זיך, אַז אויף דעם אופן האָבן זיך ביי דער אָרגאַניזירונג פון די קאָמיסיעס גענומען אין באַטראַכט נאָר די חרובע יידישע שטעטלעך, וואוהין עס האָבן געשטראָמט די רעעמיגראַנטן.

די קאָמיסיעס זיינען געווען איינגע-אָרדנט ביי די קאָמיטעטן און קהילות און האָבן קאָנצענטרירט די גאַנצע אַרבעט לטובת די רעעמיגראַנטן, אָנ-הויבנדיק פון תמיכה און ענדיקנדיק מיט אויפבוי.

זיי פלעגן רעגיסטרירן די פּאַטיענטן, אַרויסגעבן די ערשטע הילף און באַזאָרגן די איבעריקע נויטן, ווי מעדיצינישע הילף, שכר-לימוד, באַשוכונג און באַ-קליידונג.

זייענדיק באַקאַנט מיט דער לאַגע פון יעדן איינציקן באַזונדער, פלעגן זיי באַשטעטיקן און אונטערשטיצן די בקשות פון די רעעמיגראַנטן וועגן הלוואות אויף האַנדל און מלאכה, הלוואות אויף מעבל און אויפבוי פון דעם חרובן הויז.

די קאָמיסיעס האָבן אויף אַזאַ אופן זיך דערוואָרבן גרויסע פאַרדינסטן אין הינזיכט פון אויפריכטן די ווירטשאַפט פון דער חרובער באַפעלקערונג.

## 3. מעדיצינישע הילף.

מעדיצינישע הילף איז געווען איינע פון די אויפגאַבן, אויף וועלכער עס איז געלייגט געוואָרן גרויס אַכט און וועלכע איז געגעבן געוואָרן מיט אַ ברייטער האַנט.

אויף דעם מין הילף פלעגן אַסיגנירט ווערן גרעסערע סומעס אין די אַלע פונקטן, וואו ס'האָבן זיך געפונען די היימלאָזע-ביוראָען און קאָמיסיעס. עס איז, פאַר-שטייט זיך, ניט געמאַכט געוואָרן קיין אויסנאַם אויך פאַר די חולאים-היימלאָזע און רעעמיגראַנטן, וועלכע זיינען געווען צוזאָרפן אין די איבעריקע פונקטן פון געגנט.

די הילף האָט זיך אויסגעדריקט אין פאַרשיידענע פאָרמען:

לויט ספּעציעלע אָפּמאַכן פלעגן די שטעטלדיקע דאָקטוירים געבן מעדיצי-נישע הילף ביי זיך און באַזוכן די שווערע חולאים אין זייערע פּריוואַטע הייזער. אין אייניקע פונקטן זיינען אויך איינגעאָרדנט געוואָרן אַמבולאַטאָרישע אויפנאַמען.

די רעצעפּטן פלעגן געמאַכט ווערן אין די אָרטיקע אַפּטייקן און פלעגן אַרויסגעגעבן ווערן די חולאים אומזיסט.

לויטן אייגנזען פון די קהילות און קאָמיטעטן פלעגן די געהעריקע קראַנקע באַקומען אויך פאַרשטאַרקטע דערנערונג, וועלכע האָט זיך אויסגעדריקט אין מילך, פלייש, ווייסברויט, ביסקוויט, פּוטער און קאַקאָ.

די אינפעקציע-חולאים זיינען אָפּגעפירט געוואָרן אין די ספּעציעלע רעגירונגס-באַראַקן, אָפטמאָל אייניקע צענדליק קילאָמעטער פון שטאָט. אין די וואוינונגען פלעגן דורכגעפירט ווערן גרינדלעכע דעזינפעקציעס. פון צייט צו צייט זיינען אויך דעזינפיצירט געוואָרן די געזעלשאַפטלעכע בנינים און די מאַסן-וואוינונגען.

די שווערע אינערלעכע און נערוועזע חולאים, וועלכע פלעגן זיך נויטיקן אין אַ קלינישער באַהאַנדלונג און אָפּעראַציעס זיינען געבראַכט געוואָרן קיין ווילנע און איינגעאָרדנט געוואָרן אין די אָרטיקע שפּיטאָלן, ווי משמרת חולים, יידישער שפּיטאָל, סאַוויטש און יאַקוב. די שוואַנגערע פרויען און קינדער—אין זווערינצער שפּיטאָל. די חולאים פון אַרום לידע—אין לידער יידישן שפּיטאָל. די קראַנקע פון נאָוואָגרודקער געגנט—אין נאָוואָגרודקער יידישן שפּיטאָל.

ס'איז אויך געווען אַ באַדייטנדע צאָל קראַנקע, וועלכע האָט זיך גענויטיקט נאָר אין אַמבולאַטאָרישער באַהאַנדלונג. די דאָזיקע קראַנקע זיינען, לויט אַ אָפּמאַך, באַהאַנדלט געוואָרן אין די אַמבולאַטאָריעס פון „אָזע" און משמרת-חולים.

אַנדערע חולאים, וועלכע האָבן זיך גענויטיקט אין אַ ספּעציעלער באַהאַנדלונג, ווי, למשל, עלעקטריזאַציע און פּאַוואַוס, זיינען באַזאָרגט געוואָרן דורך פּריוואַטע דאָקטוירים-ספּעציאַליסטן.

געוויסע נויטבאַדערפטיקע מלחמה-אינוואַלידן, וועלכע האָבן פאַרלאָרן זייערע פיס, זיינען געשיקט געוואָרן קיין וואַרשע צו ספּעציאַליסטן, וואו מען האָט זיי געמאַכט קינסטלעכע פיס.

סוף 1921 איז אונטערגענומען געוואָרן אַ גרעסערע אַקציע, וואָס האָט געטראָגן אַ ברייט-געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער. מיר מיינען דאָ די אַזוי-גערופענע דאָקטוירים-עקספּעדיציע איבער פאַרשיידענע שטעט און שטעטלעך אין צוזאַמענהאַנג מיט דער טיפוס-עפּידעמיע, וואָס האָט זיך פאַרשפּרייט צווישן די רעעמיגראַנטן און האָט געדראָט די דאָרטיקע איינוואוינער.

ס'זיינען דאַן באַזוכט געוואָרן: סמאַרגאָן, ווידז, קרעווע, אָלשאַן, זאַסקעוויטש,



סעליוב און אַ ריי שטעטלעך אין גלובאָקער ראַיאָן. בסך-הכל האָבן געקראָגן הילף אַ 350 פּערזאָן.

די דאָזיקע אַרבעט איז געפירט געוואָרן געמיינזאַם מיט „אָזע".

## 4. חלוצים.

די חלוצים-עמיגראַנטן, וועלכע זיינען מאַסנווייז אָנגעקומען קיין ווילנע, האָבן ניט שטענדיק געהאַט די מעגליכקייט פאַרווירקליכן זייער ציל און עמיגרירן תיכף קיין ארץ-ישראל. צוליב פאַרשיידענע סיבות פלעגן זיי זיך פאַרהאַלטן אין פּוילן אַ לענגערע צייט, אָפטמאָל ביז 7—8 חדשים. די מאַטעריעלע לאַגע זייערע איז געווען אַ קריטישע און „יעקאָפּאָ" האָט זיי סיסטעמאַטיש געהאָלפן מיט וואָס נאָר מעגליך:

אַזוי, למשל, האָט „יעקאָפּאָ" מיטגעהאָלפן די חלוצים אין פאָלגענדן:

א) בית-חלוצים. כדי צו לינדערן די דירה-נויט איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ בית-חלוצים. דירה-געלט איז געצאָלט געוואָרן געמיינזאַם מיטן פּאַלעסטינע-אַמט, די איבעריקע הוצאות און איינאָרדענונג האָט גענומען אויף זיך אינגאַנצן „יעקאָפּאָ".

עס איז אָפּגעלאָזן געוואָרן פון די „יעקאָפּאָ"-לאַגערן ברעטער, פון וועלכע עס זיינען צונויפגעשטעלט געוואָרן בעטלאַך און ביינק. חוץ דעם איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין רשות פון פּאַלעסטינע-אַמט און אויף זיין פאַראַנטוואָרטליכקייט דעקעס, ציכלאַך, לייַלעכער, האַנטיכער, סעניקעס און וועש, אויף 40 בעטלאַך צו 2 גיינג.

ב) קיך. ביי דעם בית-חלוצים איז געווען איינגעאָרדנט אַ ספּעציעלע קיך. אין דער קיך פלעגן זיך דערנערן אַלע חלוצים אָן אויסנאַם, צי זיי זיינען אינטערנירט אָדער ניט. „יעקאָפּאָ" פלעגט זיי באַזאָרגן מיט רויע פּראָדוקטן, ברויט און געלט אויף פלייש. ס'איז געווען אַ גרויסער טייל חלוצים, וואָס האָט זיך איינגעאָרדנט ביי שווערע פיזישע אַרבעט. היות ווי זייער פּרנסה איז געווען אַ קליינע, פלעגן זיי באַקומען הוספה-ראַציאָנען אויף פרישטיק און אָונט-ברויט.

די צאָל פון די עסערס אין קיך פלעגט דערגרייכן אָפטמאָל ביז 90 מאַן.

ג) פּראָדוקטיווע הילף. לויט אַ ספּעציעלער ווענדונג פון קאָמיטעט פון די חלוצים האָט „יעקאָפּאָ" אַרויסגעגעבן אַ סומע געלט אויף איינצוקויפן מכשירים פאַר בעלי-מלאכות און שוואַרצע אַרבעטער. אַדאַנק דעם האָבן די חלוצים פאַרדינט און געהאַט די מעגליכקייט צו דערשטופּעווען אויף חיונה.

ד) פאַרשיידענעס. די חלוצים





זיינען באַזאָרגט געוואָרן מיט אַלע מינים הילף, מיט וועלכע עס האָבן זיך באַנוצט די רעעמיגראַנטן און היימלאָזע. דערביי איז דאָס אַרויסגעבן די הילף אָרגאַניזירט געוואָרן אַזוי, אַז „יעקאָפּאָ" האָט ניט געהאַט צו טאָן מיט יחידים, נאָר מיט דער פאַרטרעטערשאַפט פון גאַנצן קאָלעקטיוו, וועלכער האָט אויף זיין אחריות און אייגנזען פאַנאַנדערגעטיילט די באַקומענע זאַכן, וועש, שיך, בגדים, געלט א.א.וו.

די חלוצים האָבן געזען אין „יעקאָפּאָ" ניט נאָר די הילפס-אָרגאַניזאַציע, וועלכע ערפילט בנוגע זיי די טרוקענע התחייבות, נאָר האָבן געפילט אַ וואַרימע סביבה פון איבערגעבנהייט און געזעלשאַפטליכע באַציאונגען, וואָס עס ווערט באַשטעטיגט דורך די בריוו, וועלכע זיינען פאַרעפנטליכט געוואָרן אין דער ווילנער פּרעסע מצד די חלוצים.

## 5. פאַרשיידענע אַנשטאַלטן.

שוין אָפּגערעדט וועגן די הונדערטער תלמידים, לערער, קינסטלער, ליטעראַטן, ישיבה-בחורים א. א. — היימלאָזע און רעעמיגראַנטן,—וועלכע האָבן באַקומען כל המינים הילף — הן מאַטעריעלע והן יורידישע—אין אַלע אָפּטיילונגען פון „יעקאָפּאָ", דאַרפן פאַרצייכנט ווערן די גרעסערע אַקציעס, וועלכע זיינען געטאָן געוואָרן פאַר גאַנצע קאָלעקטיוון:

א) „אָרט"-וואַרשטאַטן אין ווילנע, גלובאָקע און אָשמענע. פון צייט צו צייט האָבן די תלמידים פון די אויבנדערמאָנטע וואַרשטאַטן באַקומען קליידונג, שיך און וועש.

ב) שוקדי מלאכה אין נאָוואָגרודעק. די לערן-יינגלעך האָבן אַ לאַנגע צייט באַקומען אַ מאָנאַטליכע שטיצע און זיינען סיסטעמאַטיש באַזאָרגט געוואָרן מיט בגדים, שיך, וועש, קאָנדענסירטע מילך און זייף.

ג) לערער-סעמינאַרן אין ווילנע. די נויט-באַדערפטיקע תלמידים פון יידישן און העברעאישן לערער-סעמינאַרן פלעגן פון צייט צו צייט באַקומען געלט-שטיצע, בגדים, שיך, וועש און מילך.

ד) פּעדאַגאָגישע קורסן אין ווילנע. סיסטעמאַטיש געהאָלפן די אָרימע שילער מיט שוכונג און קליידונג.

ה) לערער, ליטעראַטן און קינסטלער. אין פאַרשיידענע צייטן אַרויסגעגעבן גרעסערע טראַנספּאָרטן פון בגדים, שיך און וועש. עס זיינען אויך געווען פאַלן פון געלט-שטיצע.

ו) ישיבות. באַזאָרגט מיט קליידונג, שיך, וועש און טיילווייז אויך מיט געלט די ישיבה-בחורים און לערנער פון די ישיבות אין ווילנע, אייזיע, ראַדון און אָשמענע.

די פאַרוואַלטונגען פון די איבנדערמאַנטע אַנשטאַלטן און פאַראיינען פלעגן צושטעלן אין „יעקאָפּאָ“ די רשימות פון די נויטבאַדערפטיקע פּערזאָנען און „יעקאָפּאָ“ פלעגט באַפרידיקן זייערע בקשות אויך דורך די פאַרוואַלטונגען, דערביי פלעגן, אָבער, די בקשות גענומען ווערן אין באַטראַכט אויף אַזויפיל, אויף וויפל זיי האָבן געהאַט אַ שייכות צו היימלאָזע און רעעמיגראַנטן, הוץ אויסנאַמס-פאַלן.

## 6. אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן.

די דערשיינונג, וואָס „יעקאָפּאָ“ באַזאָרגט די יידישע היימלאָזע און רעעמיגראַנטן ניט נאָר מיט עסן, נאָר אויך מיט מלבושים, וועש און שיך האָט דערוועקט אַ סך היימלאָזע פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן צו ווענדן זיך אין „יעקאָפּאָ“ מיט אַנאַלאָגישע ביטעס וועגן הילף. מאָטיווירט געווען זיינען די בקשות דערמיט, וואָס געזעלשאַפטליכע קאָמיטעטן עקזיסטירן ביי זיי לחלוטין ניט. דאַגעגן די רעגירונגס-אַנשטאַלטן באַפרידיקן נאָר צייטווייליק מיט עסן — וועגן זאַכן אָבער איז קיין רייד ניטאָ.

די טראַדיציע פון ניט צו מאַכן קיין אונטערשייד פון ייד און ניט ייד, וואָס האָט זיך פון קדמונים פּראַקטיצירט ביים איבערנעמען דורך „יעקאָפּאָ“ די היימלאָזע-עשאַלאָנען און אַנדערע, איז אויך איצט פאָרטגעזעצט געוואָרן דורך „יעקאָפּאָ“ און די בקשות זיינען על פּי רוב באַפרידיקט געוואָרן:

א) פּאָליאַקן און רוסן. דאָס רוב זיינען זיי באַזאָרגט געוואָרן אין ווילנע און מאָלאָדעטשנע. היות ווי די צענטראַלע פון „יעקאָפּאָ“ האָט אָפט וועגן זייער פאַקטישער לאַגע ניט געהאַט קיין ידיעות, פלעגט דער פאַרוואַלטער פון יוי"ר אין ווילנע,—וואו די רעעמיגראַנטן פלעגן זיך אויפהאַלטן,—באַשטעטיקן די באַדערפעניש אין מלבושים פון דער באַטרעפנדער פּערזאָן. ווייטער פלעגן אָנגענומען ווערן באַשטעטיקונגען פון די קריסטלעכע קאָמיטעטן און אויך פון באַגלויבטע פּריוואַטע פּערזאָנען.

ב) דייטשן. צוליב דעם שרעקלעכן הונגער אין רוסלאַנד האָבן איבער 100 דייטשע קאָלאָניסטן אין סאַמאַרער גוב. פאַרלאָזן זייערע דערפער און אויסגעוואַנדערט קיין דייטשלאַנד דורך פּוילן. אין ווילייקע זיינען זיי פאַרהאַלטן געוואָרן אויף אַ ליינגערע צייט ביז דורכפירן די נויטיקע פאָרמאַליטעטן און האָבן זיך געפונען אין זייער אַ קריטישן מצב. די אָרטיקע אָפּטיילונג פון „יעקאָפּאָ“ האָט זיי אַרויסגעגעבן זאַכן, שיך און וועש, און געשפּייזט מיט געלט אויף דערנערונג אין משך פון קרוב 3 חדשים.



ג) טאַטאַרן און קאַראַאימען. אַממערסטן האָבן זיי באַקומען הילף אין נאָוואָ-סווענציאַן, וואו זיי זיינען דורכגעגאַנגען מיט די היימלאָזע-עשאַלאָנען דורך לאַטוויע אָדער ליטע. זיי זיינען דורך דעם פאָרשטייער פון „יעקאָפּאָ“ באַזאָרגט געוואָרן מיט אַלע מינים הילף צוגלייך מיט די יידישע היימלאָזע און רעעמיגראַנטן.

אַ באַדייטנדע צאָל קריסטן האָט אויך באַקומען מיטאָג אין דער „יעקאָפּאָ“-קיך אין ווילנע.

אַרום און אַרום זיינען דורך „יעקאָפּאָ“ אין אַלע אָפּטיילונגען באַזאָרגט געוואָרן איבער 1000 ניט-יידן.

## 7. פּסח-אַקציע.

אין די יאָרן 1922 און 1923 איז דורכגעפירט געוואָרן אַן אַלגעמיינע אַקציע אין ברייכערן זין אין צוזאַמענהאַנג מיטן פּסח.

די שטיצע האָט זיך פאַרשפּרייט ניט נאָר אויף די פּערזאָנען, וועלכע האָבן אין באַטרעפנדן מאָמענט באַקומען תמיכה, נאָר אויך אויף די, וועלכע זיינען פון ליינגער געוועזן אויסגעשלאָסן, נאָר ניט געווען אויף אַזויפיל פעסט אין מעמד, אַז זיי זאָלן זיך באַגיין דעם פּסח אָן זייטיקער הילף.

פאַר די פּערזאָנען, וועלכע האָבן זיך דערנערט אין די „יעקאָפּאָ“-קיכן, זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן סדרים און אין משך פון גאַנצן פּסח האָבן זיי באַקומען יום-טובדיקע געריכטן.

די, וועלכע האָבן געלעבט פאַר-זיך, האָבן באַקומען צו 10 פונט מצה אויף אַ פּערזאָן און אַ געלט-סומע אויף די איבעריקע הצטרכותן.

דערביי האָט מען זיך אויך פאַראינטערעסירט מיט די סאָלדאַטן פון אונזער ראַיאָן, פאַר וועלכע עס איז אויך אַרויסגעגעבן געוואָרן מצה. לויט דער זעלבער נאָרמע, ווי די היימלאָזע און רעעמיגראַנטן.

## 8. דירה און האָלץ.

איינע פון די אָנגעווייטאָקסטע פראַגן פאַרן היימלאָזן און רעעמיגראַנט איז געווען די דירה-פראַגע, אָן אָרט, וואו די קאָפּ אָנצושפּאַרן. ס'זיינען געווען צייטן, ווען דווקא די פראַגע פלעגט זייער גיך געלייזט ווערן: בתי-מדרשים פאַרמאָגט יעדע שטאָט און שטעטל בגנוג—האָט מען זוכה געווען מן המוכן. „יעקאָפּאָ“ האָט אויף דעם וועג ניט געוואָלט גיין. כדי צו לינדירן די נויט, זיינען אַסיגנירט געוואָרן ספּעציעלע געלטער, וועלכע האָבן צוטריטליך געמאַכט דאָס דינגען פון דירות.

די סומעס זיינען געווען פאַרשיידען.





סתם-יידן זיינען ניט געווען גלייך צו בעלי-מלאכות, וועלכע מוזן האָבן אַ ספּעציעלן צימער פאַרן וואַרשטאַט און במילא אַ גרעסערע דירה. הענדלער זיינען קאָמפּענסירט געוואָרן מיט דירה-געלט אויף געוועלבער.

עס איז אויך דורכגעפירט געוואָרן אַ ריין-געזעלשאַפטלעכע אַקציע אויף דעם געביט, דהיינו: ס'זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן הלוואות אויף אַרויסצוקלייבן זיך פון די פייכטע קעלערן און שמוציקע דירות און איבערבייטן זיי אויף מער באַקוועמערע—און געזינטערע.

ווייטער איז געווען די פראַגע וועגן האָלץ אויף ווינטער. די פראַגע איז געווען זייער ערנסט און זי איז געלייזט געוואָרן אין ברייטערע ראַמען; עס איז געקויפט געוואָרן אין ווילנע און אויף דער פּראָווינץ אַ גרויסער קוואַנטום האָלץ, וועלכן מען האָט פאַנאַנדערגעטיילט ניט נאָר די פּערזאָנען, וואָס באַקומען תמיכה, נאָר אויך די נצרכים פון פריער מיט דעם אונטערשייד, וואָס די לעצטע האָבן דאָס האָלץ באַקומען אויף ביליקע פּרייזן און בתורת הלוואה אין משך פון 3—4 חדשים אויסצוצאָלן.

---

## II. קינדער-פאַרזאָרגונג.

## 1. דערנערונג.

אונטערן וואָרט קינדער-פאַרזאָרגונג מיינען מיר קודם-כל צו באַצייכענען די טעטיקייט אויף צו פאַרשטאַרקן דעם פיזישן צושטאַנד פון אַ גרויסן טייל קינדער, וועלכע זיינען אַממייסטן אויסגעצערט און אויסגעבלייכט געוואָרן, אַלס קרבנות פון מלחמה. אויב די וואָגלעניש און מאַטעריניש האָט זיך געלייגט ווי אַ שווערע משא אויף די דערוואַקסענע היימלאָזע און רעעמיגראַנטן — אַ פשיטא שוין אויף די קינדער. די שווערע לעבנס-און וואוינונגס-באַדינגונגען אין דער ערשטער צייט פון זייער אומקערן זיך—שמוציקע קעלערס, אָקאָפּעס, פייכטע דירות—האָבן צושטערט דאָס געזונט, דער עיקר פון די קינדער—און דערצו נאָך די בצמצומדיקע פּרנסה פון די עלטערן, וואָס האָט ניט געקלעקט מפרנס צו זיין די פאַמיליע.

ס'זיינען מעדיציניש אונטערזוכט געוואָרן די קינדער אין די הויפּט-פונקטן פון די רעעמיגראַנטן און ס'איז באַשלאָסן געוואָרן דאָרט צו קאָנצענטרירן די אַקציע. די דאָזיקע פונקטן זיינען געווען: סמאַרגאָן, ווידז און קרעווע.

אום צו פאַרבעסערן דעם פיזישן מצב פון די קינדער וואָלט געוויינטליך געווען ווינשענסווערט צו איזאָלירן זיי אין אינטערנאַטן אָדער אין אַנדערע פּאַסנדע אַנשטאַלטן און געבן אויף זיי אַ ספּעציעלע השגחה. אַזאַ פּרוב איז געמאַכט

געוואָרן מיטן גרינדן דעם אינטערנאַט אין סמאַרגאָן, וועלכן עס ווערט געווידמעט ווייטער אַ באַזונדער פּרק. לעזן אָבער די פּראַגע אַזוי בדרך כּלל איז געווען אוממעגליך צוליב אַ סך טעמים און דעריבער האָט זיך „יעקאָפּאָ“ אָפּגעשטעלט, חוץ דעם אינטערנאַט אין סמאַרגאָן, אויף דעם איינציג-מעגליכן מיטל צו אַסיגנירן ספּעציעלע סומעס אויף צו פאַרגרעסערן און פאַרבעסערן די דערנערונג פון די שוואַכע און בלוטאָרימע קינדער, ביי דער געהעריקער אויפזיכט.

די אַלגעמיינע צאָל פון אַזוינע געשטיצטע קינדער האָט דערגרייכט 220.

### 2. אַדאָפּטירטע יתומים.

די אַדאָפּטאַציע פון יתומים בכלל האָט געהערט אויסשליסלעך צו דער קאָמפּעטענץ פון יתומים-דעפּאַרטאַמענט ביים ד. ד. ק. די יתומים, אָבער, פון היימלאָזע און רעעמיגראַנטן האָט דער דאָזיקער דעפּאַרטאַמענט ניט געקענט גלייך אָננעמען צוליב די אַנדערע דויערנדערע אויפגאַבן און מעטאָדן פון דער אַרבעט, וועלכע ער האָט זיך געשטעלט.

דאָ איז אָבער, ווי אומעטום, געקומען שנעל צו הילף דער היימלאָזע-דעפּאַרטאַמענט, וועלכער האָט זיך בכלל אויסגעצייכנט מיט דער איינפאַכקייט אין דער אַרבעט, ווי אויך פּשוטקייט פון דער פּראָצעדור, און האָט אויך אין דעם פאַל גענומען אין אַכט אונזער מעמאָראַנדום און האָט מסכּים געווען אויף אַ צייטווייליקע דריי חדשימדיקע אַדאָפּטאַציע פון די קינדער היימלאָזע און רעעמיגראַנטן. אין דער זעלבער צייט האָבן זיך געפירט אונטערהאַנדלונגען מיטן יתומים-דעפּאַרטאַמענט וועגן אַ שטענדיקע אַדאָפּטאַציע, וואָס איז אויך שפּעטער-צו געקרוינט געוואָרן מיט אַן ערפאָלג.

אַזוינע צייטווייליק אַדאָפּטירטע קינדער-היימלאָזע זיינען געווען 117.

### 3. שול-בילדונג.

כּדי צו פאַרענדיקן דעם בילד, וואָס עס שטעלט מיט זיך פאָר די קינדער-פאַרזאָרגונג, וועט זיין ניט איבעריק צו דערמאָנען די ספּעציעלע אַסיגנירונגען אויף שכר-לימוד.

אַ דאַנק דעם, זיינען אַלע קינדער פון שול-עלטער איינגעאָרדנט געוואָרן אין פאָלקס-שולן און אַנדערע לער-אַנשטאַלטן און האָבן באַקומען די נויטיקע ערציאונג.

אין די אינעווייניקסטע פּעדאַגאָגישע פראַגן האָט זיך „יעקאָפּאָ“ ניט געמישט. עס איז בלויז געשטעלט געוואָרן אַ תּנאַי די פּעדאַגאָגישע ראַטן, אַז דער לימוד הן פון יידיש והן פון העבּרעאיש דאַרף זיין אָבליגאַטאָריש. דער תּנאַי איז געווען אַ מוז-זאַך פאַר ביידע טיפּן שולן.

ס'דאַרף אויך דערמאָנט ווערן, אַז בערך 100 קינדער פון די היימלאָזע זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן ביי אַ פאַך.

וועגן דער גרויסער אַקציע אויפן געביט פון שול-בילדונג מיטן אויפשטעלן מאָדערנע בנינים פאַר פאָלקס-שולן ווערט ברייטער און גענויער גערעדט אין אַרטיקל וועגן אויפבוי און אין אַנדערע ערטער פון בוך.

## III. פּראָדוקטיווע הילף.

### 1. איינאָרדענונגס-הלוואות.

מיט צוויי וועגן האָט צו יענער צייט געקענט אויפגעשטעלט ווערן דער יידישער היימלאָזער און רעעמיגראַנט: מיט הלוואות אויף מסחר און מלאכה און מיט קרעדיט אויף אויפבויען דאָס הויז. ביידע האָבן זיי געהאַט דעם צוועק אויפצוריכטן דעם רעעמיגראַנט צו אַ מער—ווייניקער נאָרמאַלן לעבן, אַז ער זאָל ניט דאַרפן בלייבן קיין קעסט-קינד ביי דער יידישער געזעלשאַפט.

וועגן דער אויפבוי-אַקציע ווערט געשריבן באַזונדער אין אַן אַנדער אָרט. דאָ ווילן מיר זיך אָפּשטעלן נאָר אויף די איינאָרדענונגס-הלוואות.

די דאָזיקע הלוואות זיינען געווען באַזונדערס נויטיק אין יענע צייטן, ווען דער חורבן און דלות האָבן געפייפט אין יעדן ווינקעלע, און פון דער אַנדערער זייט האָט דאָך די חרובע שטעטל אָנגעהויבן ביסלעכווייז אַלץ מער צו קומען צו זיך: עס שטעלן זיך איין מערק און עס לעבט אָפּ האַנדל-וואַנדל. דער אַרומיקער פויער, אויך אַ רעעמיגראַנט, דאַרף אַ שוך, אַ קלייד—קריגן די בעלי-מלאכות אַרבעט. מ'דאַרף אָבער האָבן מיט וואָס די הענט פונאַנדערצורירן. די תּשובה איז אַ גרייטע: הלוואות.

יידישע פאָלקס-בייַנק זיינען דאַן ווייניק וואו געווען. דאָרט, וואו אַזוינע האָבן עקזיסטירט, האָבן זיי דעם לווה ניט געקענט באַפרידיקן. ס'פלעגט אַרויסגעגעבן ווערן אַזאַ מינימום הלוואה, אַז אַ פריען רעעמיגראַנט—אַ מחוסר הכּל—האָט עס קוים געקענט קלעקן אויף קלייניקייטן.

די פראַגע וועגן קריגן ספּעציעלע סומעס אויף אַ ביליקן קרעדיט איז געשטאַנען אין איר גאַנצער ברייט.

א) פאַרבאַנד פון אוקראַאינער יידן אין לאָנדאָן. סוף מאַי 1921 האָט ד״ר יאָכעלמאַן, דער פאָרשטייער פון פאַרבאַנד פון אוקראַאינער יידן אין לאָנדאָן, באַזוכט ווילנע. „יעקאָפּאָ“ האָט איינגעלאַדן דעם חשובן גאַסט אויף אַ ספּעציעלע זיצונג, וועלכע איז איינגעאָרדנט געוואָרן דעם 31 מאַי 1921. אויף דער זיצונג איז גענוי באַהאַנדלט געוואָרן די לאַגע אין ווילנער פּראָווינץ.

גראָד איז דער מאָמענט צונויפגעפאַלן מיטן אָפּשטעלן דורך דעם ד. ד. ק. די אַלגעמיינע תּמיכה, וואָס האָט געווירקט קאַטאַסטראָפאַל מיט דער אומגעריכטקייט.

וועגן דער אַרבעט פון היימלאָזע-דעפּאַרטאַמענט, וועלכע האָט געדאַרפט פאַרבייטן די אַלגעמיינע תּמיכה, האָט מען דאַן גענוי נאָך גאָרניט געקענט וויסן, מחמת ער האָט זיך נאָך ערשט אָרגאַניזירט. די אונטערהאַנדלונגען מיט ד״ר יאָכעלמאַן האָבן זיך, אַלזאָ, געדרייט אַרום דעם איינציקן פּונקט וועגן דער ווייטערדיקער הילף.

ס'איז אָנגעוויזן געוואָרן, אַז דאָס רוב היימלאָזע און רעעמיגראַנטן קומען פון אוקראַינער געגנט און ס'ליגט אַ פליכט אויפן אוקראַינער פאַרבאַנד קומען זיי צוהילף.

ד״ר יאָכעלמאַן האָט זיך מיט דעם זייער פאַראינטערעסירט, זאָגאַר ערקלערט, אַז אייגנטלעך האָט די גאַנצע הילף געדאַרפט גיין דירעקט קיין אוקראַינע, ווען ס'וואָלט מעגלעך געווען אַהין צוצוקומען, היות, אָבער, ווי דאָס איז אוממעגלעך. דאַרף זי פאַרשפּרייט ווערן אויף די געליטענע פון אוקראַינע, וואו זיי זאָלן זיך ניט געפינען. צום סוף האָט ער צוגעזאָגט צו טאָן אַלץ, וואָס עס איז נאָר מעגליך, כּדי צו ערליידיקן גינסטיק די פראַגע.

אַלס רעזולטאַט פון די אונטערהאַנדלונגען האָט דער לאָנדאָנער פאַרבאַנד צוגעשיקט דעם 8 אַווגוסט 1921 אין רשות פון „יעקאָפּאָ“ אַ סומע פון צוויי טויזנט ענגלישע פונט.

אין משך פון אָט דער צייט האָט די היימלאָזע-אָפּטיילונג פון „יעקאָפּאָ“ אַנטוויקלט אויף די מיטלען פון ניי-אַנטשטאַנענעם היימלאָזע-דעפּאַרטאַמענט פון ד. ד. ק. אַ ברייטע טעטיקייט אויפן געביט פון געבן גיכע הילף די היימלאָזע און רעעמיגראַנטן. די דרינגענדע נויט אויף דערנערונג, שוכונג און קליידונג איז אַלזייטיק באַפרידיקט געוואָרן אַזוי, אַז „יעקאָפּאָ“ האָט געפונען פאַר איבעריק און ניט צוועקמעסיק פאַרטיילן די סומע ווידער אויף תּמיכה, און האָט פאַוואַנדלט דאָס געלט אויף אַ פּראָדוקטיוון צוועק. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן צו פאַרווענדן 90 פּראָצ. פון דער סומע אויף הלוואות און דערמיט איז געלייגט געוואָרן דער יסוד צו אַ ליי-פאָנד ביי „יעקאָפּאָ“, וועלכער האָט זיך אַנטוויקלט אין אַ גרעסערן מאַסשטאַב און האָט געדינט, די אינטערעסן פון די קליינהענדלער און בעלי-מלאָכות, ווי אויך

פון דער אינטעליגענץ צווישן די היימלאָזע און רעעמיגראַנטן, בעליטענע פון די פּאָגראָמען און מהומות אין אוקראַינע א. א.

שפּעטער, אין אַפּריל 1922, האָט דער אוקראַינער פאַרבאַנד אַסיגנירט אויף דעם צוועק נאָך 500 פונט.

די אַקציע האָט זיך זייער גוט איינגעגעבן און די רעזולטאַטן זיינען געווען די בעסטע.

ב) ד. ה. ק. היימלאָזע-דעפּאַרטאַמענט. דער ליי-פאָנד האָט זיך אַלץ שטאַרקער אַנטוויקלט און האָט זיך גענויטיקט אין גרעסערע קאַפּיטאַלן. מען האָט בעדאַרפט געפינען נייע מקורים. די רעעמיגראַציע איז בעגאַנגען מיט אַ גרויסן טעמפּ. דער אויפבוי-פּראָצעס אין די צושטערטע שטעטלעך איז ניט געשטאַנען אויף איין מצב. עס האָט געברויזט און געפיבערט און עס האָט זיך געשאַפן אַ נייער לעבן. אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם זיינען אַנטשטאַנען נייע אויפגאַבן. די באַדערפעניש אין מזומן געלט, אַלס קרעדיט, איז געוואָרן אַלץ מער אַקטועל.

די סומעס פון עקזיסטירנדן פאָנד, הגם זיי זיינען געווען פאַרהעלטניסמעסיק באַדייטנד, זיינען זיי דאָך געווען קליין לגבי די נויטן.

דער היימלאָזע-דעפּאַרטאַמענט פון ד. ה. ק., וועלכער האָט זיך צום אָנהויב בעווידמעט איינגאַנצן דער שנעלער הילף און האָט זיך גיך איבערצייגט אין דער פּאַראַלעלער וויכטיקייט פון הילף אויף פּראָדוקטיווע יסודות, האָט בענומען ערנסט די פאָרשלאָגן פון "יעקאָפּאָ" אין די ספּעציעלע מעמאָראַנדומס וועגן הלוואות און האָט געזוכט וועגן ווי אַזוי זיי צו רעאַליזירן. מיר זאָגן "געזוכט וועגן", ווייל אין אַ באַוואוסטער הינזיכט איז דאָס געווען אָפּהענגיק ניט איינגאַנצן פון היימלאָזע-דעפּאַרטאַמענט, נאָר פון קאָנסטרוקציון, וועלכער האָט געזאָלט אָנפירן מיט דער קאָנסטרוקטיווער זייט פון דער דעמאָלטיקער ד. ה. ק.-אַרבעט.

די אונטערהאַנדלונגען, וועלכע האָבן זיך מכח דעם געפירט, זיינען ערלעדיקט געוואָרן גינסטיק פאַר דער זאַך. לכתחילה זיינען די סומעס אויף הלוואות אַריינגעפלאָסן אין "יעקאָפּאָ"-פאָנד אין קלענערע סכומים, אָבער מיט דער צייט זיינען די אַסיגנירטע געלטער אויף הלוואה-צוועקן געוואָרן אַלץ אַן אָפּטערע ערשיינונג און האָבן דערגרייכט אַ גרעסערן קאַפּיטאַל.

די באַדינגונגען, וואָס זיינען געשטעלט געוואָרן ביים אַרויסגעבן די הלוואות מצד דעם קאָנסטרוקציון דעפּאַרטאַמענט,



זיינען געווען לפי ערך קאָמפּליצירטע און באַשווערנדע. דאָס לעבן האָט אָבער אָפּגעשאַפט די געשטעלטע באַגרעניצונגען און פאַקטיש זיינען די סומעס פאַרווענדעט געוואָרן אויף די זעלבע יסודות, ווי די איבעריקע ליי-געלטער און האָבן דערפירט די אַקציע ביז צו אַ גליקלעכן סוף.

ג) זאַמלונג פאַר היימלאָזע.

עס איז אויך צוגעקומען אַ דריטער מקור, וואָס האָט אַ חלק אין דער באַרייכערונג פון ליי-פאָנד: אַן אייגענע זאַמלונג אויף דער ווילנער פּראָווינץ.

לויט אַ פאָרשלאָג פון ה' העשל הורוויטש, אַ דעלעגאַט פון ניי-סווענציאַן אויף דער צווייטער קאָנפערענץ פון "יעקאָפּאָ" אין דעצעמבער 1921, איז דורך דער אָנגערופענער קאָנפערענץ פּראָקלאַמירט געוואָרן אַ זאַמל-טאָג לטובת די היימלאָזע און רעעמיגראַנטן.

אין דעם באַשלוס איז אַ חוץ דער פּראַקטישער וויכטיקייט—דער פאַרגרעסערונג פון הלוואה-מיטלען—אויך געווען אַ טיפער עטיש-פּסיכאָלאָגישער מאָמענט: די גרייטקייט מיטצוהעלפן די נויטבאַדערפטיקע מיט די אייגענע כוחות אויף אַן אָרט. אין דער הינזיכט איז, דוכט זיך, די קאָנפערענץ געווען די ערשטע אין פוילן, וועלכע האָט זיך געשטעלט אויף דער נויטיקער הויך און האָט געוועקט די ברידערלעכע התחייבותן פון די אַמאָליקע מקבלים צו ווערן נותנים.

די רעזאָלוציע פון דער אויבנדערמאַנטער קאָנפערענץ האָט געהייסן אַזוי: "נעמענדיק אין באַטראַכט, אַז די היימלאָזע-פראַגע איז אַן אַלגעמיינע פאָלקסזאַך, לייגט פאַר די קאָנפערענץ דער עקזעקוטיווע פון געגנט-קאָנפערענץ "יעקאָפּאָ" דורכצופירן אַן איינמאָליקע באַשטייערונג און זאַמל-טאָג אין דער גאַנצער געגנט לטובת די היימלאָזע".

אויף דער שפּעטערדיקער באַראַטונג פון די פאָרשטייער פון די היימלאָזע-ביוראָען און קאָמיסיעס וועגן פאַרשיידענע אַקטועלע פראַגן פון היימלאָזע און רעפּאַטריאַנטן האָט מען בענוי אַרומגערעדט די געלט-זאַמלונג און מען האָט פאָרמולירט, אַז דער ציל פון דער זאַמלונג דאַרף זיין: 1) אַ "פאָנד פאַר היימלאָזע", 2) אַלס התחלה פאַר דעם פאָנד דאַרף צונויפגעקליבן ווערן אַ סומע פון 10 מיליאָן מאַרק און 3) די אַקציע דאַרף דורכגעפירט ווערן אָן הוצאות און עס דאַרפן אָנגענומען ווערן אַלע מיטלען, אַז זי זאָל ברענגען דעם געוואונטשענעם רעזולטאַט.

צום סוף פון דער באַראַטונג איז אויסגעקליבן געוואָרן אַן אָרגאַניזיר-קאָמיסיע,





וואָס האָט געדאַרפט צונויפרופן אַ ספּעציעלע באַראַטונג פון פאָרשטייער פון די גרעסערע פונקטן פון דער פּראָווינץ, וועלכע זאָל דורכפירן די אַקציע אויף די ערטער.

די באַראַטונג, וועלכע האָט זיך צוזאַמענגעקליבן דעם 3-טן מאַי 1922, האָט באַשלאָסן פאָלגנדעס:

א) "די סומע פון דער זאַמלונג דאַרף זיין ניט ווייניקער פון 10 מיליאָן מאַרק פאַר דער פּראָווינץ אַליין און זי דאַרף זיין בלויז אַ התחלה".

ב) "דער צוועק פון דער זאַמלונג איז אַ קאָנסטרוקטיווער פאָנד לטובת אונזערע רעעמיגראַנטן מיטצוהעלפן איינצואָרדענען זיי אויף די ערטער, אויפצושטעלן זייערע הייזער און ווירטשאַפט, אויפהייבן זייער רעכטליכע לאַגע וכדומה".

ג) "פון די צונויפגעזאַמלטע סומעס דאַרפן 70 פּראָצענט פאַרווענדעט ווערן אויף הלוואות פאַר רעעמיגראַנטן אויף קאָנסטרוקטיווע צוועקן, 20 פּראָצ. אויף יורידישע-הילף פאַר היימלאָזע און רעעמיגראַנטן און 10 פּראָצ. אויף אָרגאַניזאַציע-הוצאות" (צו פירן די ווייטערדיקע הילפס-אַרבעט).

ד) "בנוגע דער אָרגאַניזירונג פון דער זאַמלונג ווערן איבערגעלאָזן פאַר יעדן ראַיאָן באַזונדער די אופנים און מיטלען, וועלכע ער געפינט פאַר מער צוגעפּאַסט. ס'ווערט אויסגעדריקט דער וואונטש, אַז עס זאָלן צונויפגערופן ווערן ראַיאָן-קאָנפערענצן, כדי בעסער און געזעלשאַפטלעכער אַוועקצושטעלן די זאַך".

צום סוף איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַן אויפרוף, וועלכער איז אונטערגעשריבן געוואָרן דורך די מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע און פּלענום פון "יעקאָפּאָ" צו די יידן-בירגער פון דער פּראָווינץ.

דער אויפרוף איז פונאַנדערגעשיקט געוואָרן אין אַלע שטעטלעך פון גאַנצן ראַיאָן און די זאַמלונג האָט געגעבן גוטע רעזולטאַטן. דער גאַנצער ראַיאָן, אָן אויסנאַם, האָט זיך אָפּגערופן און ס'זיינען אַריינגעפלאָסן סומעס אפילו פון די קלענסטע יידישע ישובים און קבוצים.

* * *

די הלוואות זיינען געגעבן געוואָרן אויף פאַרשיידענע צוועקן: א) קליינהאַנדל, ב) מלאכה, ג) קליינע פּראָדוקטיווע אונטערנעמונגען און ד) דירה-געלט (אַרויסצוציען די רעעמיגראַנטן פון די אָקאָפּעס אָדער קעלערן און דערמיט געבן זיי די מעגליכקייט צו אַן אָנשטענדיקן מענטשלעכן לעבן).

די סומעס פלעגן אַרויסגעגעבן ווערן אין געלט. עס זיינען אויך געווען פאַלן, ווען לויטן וואונטש פון די בעלי-מלאכות

האבן זיי באקומען אין דער געזעלשאפט „ארט“ געצייג און מכשירים און „יעקאפא“ פלעגט איינצאלן די באטרעפנדע סומעס.

די לווים פלעגן דארפן צושטעלן ערבים. דערביי פלעגט מען שטארק ניט בודק זיין, אז די זשיראנטן זאלן זיין דווקא פון דער ערשטער מדרגה, כדי ניט צו פארשווערן די לווים אין באקומען דאס געלט.

עס האט זיך אבער אומבאדינגט געפאדערט א באשטעטיקונג פון דער ארטיקער קהילה אדער קאמיטעט, אז די באטרעפנדע פערזאן נויטיקט זיך אין דער הלוואה.

די גרויס פון דער סומע איז געווען א באוועגלעכע און איז געשטיגן צוזאמען מיט דער אנטווערטונג פון פוילישן מארק. די ערשטע הלוואות זיינען געווען אין גרויס פון 10 טויזנט מארק און דערגרייכט צום סוף ביז 200.000 מארק.

דער ערפאלג פון די הלוואות איז געווען אין לשער. פילע האבן זיי צו פארדאנקען, וואס זיי זיינען ארויסגעריסן געווארן פון דער דעמאראליזאציע. די פראקטיק האט באוויזן, אז דאס איז געווען דער בעסטער מיטל פון קאנסטרוקטיווער הילף. דער פאקט פון די פינקטלעכע אויסצאלונגען צוריק, הגם מיט דער צייט איז פון דאס געלט צוליב דער דעוואלוואציע גארניט געווארן, — איז בלי-ספק א איבערצייגנדע ראיה, אז די מענטשן האבן זיך מער-ווייניק איינגעארדנט.

ועל כולם דארף באטאנט ווערן דער פסיכאלאגישער איבערברוך ביים פריערדיקן פעטענט, וועלכער איז אויסגעקומען אן דער תמיכה און איז געווארן מיט לייטן גלייך.

## 2. הלוואות עמיגראנטן.

א וויכטיקן ארט האט פארנומען דאס ארויסגעבן הלוואות די ניי-אנגעקומענע עמיגראנטן. דאס האט אפילו קיין שייכות ניט געהאט צו פראדוקטיווער הילף אין עצם פון דער זאך, ווייל עס האט זיך געהאנדלט ניט וועגן רעפאטריאנטן, וואס בלייבן אויף אן ארט, נאר וועגן א פליסענדן עלעמענט, אבער איינגעארדנט די עמיגראנטן האט עס בלי שום ספק.

צוליב דעם, וואס רוסלאנד איז געווען איין צייט אפגעשניטן פון דער גאנצער וועלט בכלל און פון אמעריקא בפרט, פלעגן הונדערטער נפשות, על פי רוב קינפטיקע עמיגראנטן, דערקלייבן זיך מיט סכנת נפשות קיין פוילן, מיטן געדאנק צונויפשרייבן זיך מיט זייערע קרובים אין אמעריקע.



וועגן זייערע ענויים און איבערלעבונגען איז שוין אויסגעקומען צו ריידן אויבן. פארשטייט זיך, אז עס האבן נאר דאן געהאט א זין זייערע ליידן און פלאגן, ווען די עמיגראנטן האט זיך איינגעגעבן דא אין פוילן צו פארבינדן זיך מיט זייערע קרובים אין אמעריקע און קריגן פון זיי שיפס-קארטעס, בריוו און געלט.

כדי אבער צו פארבינדן זיך מיט די קרובים און איבערוווארטן די צייט, זיינען געווען נייטיק געלט-מיטלען אויף דעפעשן און אנדערע קאסטן, וואס זיינען דאן געווען בענוג גרויסע. אפטמאל פלעגן די עמיגראנטן קומען פון איבער די גרעניצן בארויבטע און ארומגענומענע ביז מוטער-נאקעט און פארבינדן זיך מיט די קרובים אין אמעריקע איז פאר זיי געווען א לעבנס-פראגע אין בוכשטעבליכן זין פון ווארט.

דער ענין פון ארויסגעבן הלוואות עמיגראנטן איז געווארן אזוי אקטועל, אז עס האט פארנומען א ספעציעלע זיצונג אויף דער היימלאזע - בארעטונג פון „יעקאפא“, אין מערץ 1922. וועגן דער וויכטיקייט — האט קיינער ניט געצווייפלט. א חלוקי-דעות האט ארויסגערופן די גרויס פון דער הלוואה און די זיכערקייט, אז דער לווה וועט איר אומקערן. עס איז ארויסגערוקט געווארן א פארשלאג וועגן משכנות. דאס האט אנגעטראפן שטארקע קעגנער. צום סוף איז אנגענומען געווארן פאלגנדער באשלוס:

א) עמיגראנטן ווערט ארויסגעגעבן הלוואות ביז 30 טויזנט מארק אויף התחייבותן אן זשירעס און אן פראצענט. די הלוואות ווערן ארויסגעגעבן דירעקט דורך די ביוראען פאר היימלאזע. אויב דער עמיגראנט נייטיקט זיך אין א גרעסערע הלוואה, דארפן זיך די ביוראען פארשטענדיקן מיט דער צענטראלע פון „יעקאפא“. בעת דער עמיגראנט באקומט געלט פון אמעריקע אדער אנדערע ערטער באצאלט ער דעם חוב.

ב) אויף משכנות ווערט קיין געלט ניט ארויסגעגעבן.

די גרונט-הנהה איז באשטאנען אין דעם, וואס צוליב דער וויכטיקייט און ערנסטקייט פון דער זאך איז געגעבן געווארן ברייטערע רעכט די היימלאזע-ביוראען ארויסצולייען די פאראינטערעסירטע עמיגראנטן די נויטיקע סומע אויף זייער אייגענער אחריות און אן שום פארמאליטעטן.

די הלוואות אויף דעם צוועק זיינען ארויסגעגעבן געווארן ניט פון אלגעמיינעם הלוואה-פאנד, נאר פון ספעציעלע געלטער.





די ארויסגעגעבענע סומעס זיינען פאר יענער צייט געווען גאנץ באדייטנדע.

## 3. פראפעסיאנעלע בילדונג.

אויף דעם געביט, וועלכער האט לכל הדעות געדארפט ווערן א וויכטיקער צווייג אין דער ארבעט, צוגרייטנדיק די קינדער צו א זעלבסטשטענדיקן לעבן איז, ליידער, דאן ווייניק אויפגעטאן געווארן, צוליב אומאפהענגיקע סיבות.

„יעקאפא“ האט שטענדיק באטראכט די פראגע אלס איינע פון די וויכטיקסטע און האט ניט איין מאל זיך געווענדט אין ד. ד. ק. און אנדערשוואו וועגן לייגן אויף דעם איר אכט.

כדי דעם ענין אלזייטיק אויפצוקלערן, איז פונאנדערגעשיקט געווארן אן אנקעטע איבער דער פראווינץ און עס האט זיך ארויסגעוויזן, אז צום חודש אקטאבער 1922 זיינען פאררעגיסטרירט אין ווילנער געגנט 738 קינדער-היימלאזע און רעעמיגראנטן אין עלטער פון 14—18 יאר, וועלכע זיינען געווען גרייט צו לערנען זיך א פאך.

אויפן סמך פון די ציפער און פאקטן איז דעם 1 נאוועמבער 1922 איבערגעגעבן געווארן אין היימלאזע-דעפארטאמענט פון ד. ד. ק. א ספעציעלער מעמאראנדום, אין וועלכן עס איז באלויכטן געווארן די דרינגענדע נויט אין פראפעסיאנעלער בילדונג. עס איז אויך אנגעוויזן געווארן, אז דאס ליידיק-גיין טרייבט די קינדער צו דעמאראליזאציע און הפקרות. צום סוף איז פארגעלייגט געווארן א גענויער פראיעקט ווי אזוי דורכצופירן די זאך אין לעבן.

דער היימלאזע-דעפארטאמענט, הגם ער האט אפגעשאצט די גרויסע וויכטיקייט פון דעם ענין, האט דאך די זאך ניט געקענט דורכפירן. האלטנדיק, אז דאס געהערט ניט צו אים, נאר צו אן ארגאניזאציע, וואס פארנעמט זיך בכלל מיט קאנסטרוקטיווער ארבעט, און אט אזא מין ארגאניזאציע דארף אויך געבן אויף דעם די געלט-מיטלען. דער קאנסטרוקטיווער - דעפארטאמענט פון ד. ד. ק., ווידער, איז נאך צו דער ארבעט ניט צוגעטראטן...

ווי עס זאל ניט זיין, איז אויף דעם געביט, ווי געזאגט, אין יענער צייט נאר ווייניג אויפגעטאן געווארן.

## IV. אויפבוי פון חרוב-געווארענע דורך דער מלחמה הייזער.

## 1. יחידישע און געזעלשאפטליכע בנינים.

נאר א גרויסן חלק האט די צענטראלע היימלאזע-אפטיילונג פון „יעקאפא“ אין דער וויכטיקער און אינטערעסאנטער אר-

בעט פון דער אינדיווידועלער אויפשטעלונג פון דעם רעעמיגראַנטס הויז און אין דער ווידערגעבורט פון דער חרובער שטעטל.

מיר מיינען דאָ די אויפבוי-אַרבעט אין איר גאַנצן פאַרנעם:

קודם כל דאַרפן דערמאָנט ווערן די הונדערטער הייזער פאַר יחידים, וועלכע זיינען בעוואָרן אדאַנק די הייזער פּראָדוקטיוו-פּייאיקע מענטשן.

א חשובן פּלאַץ פאַרנעמען אויך די אויפנאַם-בנינים פאַר די נייע רעעמיגראַנטן, זיי זאָלן ביז-וואָס-ווען ניט ליגן אויפן גאַס אָדער וואַלגערן זיך אויף די בוידימער, אין אָקאָפּעס אָדער פייכטע קעלערן.

ווייטער גייען די געזעלשאַפטליכע-בנינים אויף קהלשע הצטרכותן.

און צום סוף — די ספּעציעלע בנינים אויף פאָלקס-שולן פאַר די קינדער.

דאָס זיינען אַלץ מאָנומענטאַלע זאַכן, וואָס דאַרפן פאַרשריבן ווערן אויפן אַקטיוו פון דער צענטראַלער היימלאָזע- און אויפבוי-אָפּטיילונג פון „יעקאָפּאָ", וועלכע האָט אויסגענוצט אַלע געלעגנהייטן, כדי צו געפינען אויף דעם די נויטיקע געלט-מיטלען און ברייננגען דעם ענין צו דער פאַרווירקליכונג.

מיר מוזן זיך באַגרעניצן וועגן דער דאָזיקער וויכטיקער אַרבעט נאָר מיט די פּאָר שורות, ווייל אין דער גאַנצער ברייט וועט זי באַלויכטן ווייטער אין א באַזונדערן אַרטיקל, וואו עס ווערט גערעדט ספּעציעל וועגן דער אויפבוי-אַרבעט.

מיר געפינען אָבער פאַר נויטיק צו פאַרנאָטירן דאָס אויף דעם אָרט, דרך אגב, ווייל עס האָט, ווי געזאָגט, א דירעקטע שייכות צו דער היימלאָזע-אָפּטיילונג.

## 2. מעבל.

אין פּראָצעס פון דער בויאונגס-אַקציע האָט מען זיך אָנגעשטויסן אויף א וויכטיקן פאַקט: עס האָט זיך געמערקט א גרויסער מאַנגל אין שטובּיקע מעבל.

דער יידישער בונה האָט בכלל ניט געהאַט וואָס איבערצונעמען זיך מיט גרויס עשירות אין כלי-בית. אים האָט ניט איינמאָל פאַרפעלט א קישן צו קאָפּן, א סעניק אונטערן זייט. נאָר דאָס, וואָס איז געווען בלא-יודעים, האָט אויפן זייטיקן מענטשן ניט געמאַכט אזא שווערן איינדרוק.

מען האָט אָבער ניט געקענט שלום מאַכן מיט געדאַנק, אז אין שטוב פעלן די עלעמענטאַרע חפצים, ווי א שטול און א טיש. א בעט און אַלמער האָבן זיך גערעכנט פון די לוקסוס-זאַכן, וואָס ניט אבי-ווער קען זיך דאָס פאַרגינען.



און דאָך האָבן, לכתחילה, די ישובֿ-הדעתן, וואָס זיינען אַנטשטאַנען אין צוזאַמענהאַנג מיטן פאָרשלאָג וועגן באַזאָרגן די רעעמיגראַנטן מיט שטובּיקע מעבל, ניט געפונען קיין איינהייטליכקייט אין קאָמיסעס פון „יעקאָפּאָ", צוליב פּרינציפּיעלע טעמים. מיר וועלן דערמאָנען נאָר איייניקע פון זיי: „יעקאָפּאָ" דאַרף זיך ווידמען אויסשליסלעך דער אויפבוי-אַרבעט. צופיל געמען אויף זיך טאָר מען ניט און מען דאַרף ניט. וועגן די כלי-בית דאַרף דער בונה אַליין זאָרגן און מען דאַרף פון אים ניט אָוועקרויבן די איניציאַטיוו אין דער הינויכט.

דער צד שכנגד האָט אויפגעוויזן, אז די מעבל-אַקציע איז ניט קיין זעלבסטשטענדיקע, נאָר א טייל אין דער אויפבוי, אַן אָרגאַנישער חלק פון בנין. דער חוב פון „יעקאָפּאָ" איז צוזאָרגן פאַר איר, פּונקט ווי עס ווערט געזאָרגט פאַר די ווענט, דאַך און איבעריקע חלקים פון בנין.

מנצח געווען האָט דער צווייטער שטאַנדפּונקט. דער געדאַנק האָט געפונען אַן אונטערשטיצער אין פּערזאָן פון דירעקטאָר פון היימלאָזע-דעפּאַרטאַמענט ביים ד. ד. ק. ה' י. שווייצער, וועלכער איז געווען אָנוועזנד אויף דער זיצונג פון דער היימלאָזע-אָפּטיילונג פון „יעקאָפּאָ" אין ווילנע דעם 3-טן אויגוסט 1922. ער האָט זיך זייער פאַראינטערעסירט מיט דעם פּראָיעקט און האָט אַסיגנירט אַלס התחלה א געוויסע סומע געלט.

אין די ווייטערדיקע זיצונגען זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן די יסודות פון פירן די מעבל-אַקציע און פון פאַרטיילן די מעבל פאַר די בונים.

פּרינציפּיעל איז אָנגענומען געוואָרן, אז קיין מזומן געלט ווערט קיינעם ניט אַרויסגעגעבן, חוץ אין אויסנאַם-פאַלן. כדי די מעבל זאָל אויסמאַכן דעם בונה ביליקער איז איינגעקויפט געוואָרן א גרויסער טראַנספּאָרט מעבל מיט אַמאָל.

דאָס מעבל איז אַרויסגעגעבן געוואָרן בתורת הלוואה אויף 6 חדשים אויסצוצאָלן, אויף די זעלבע יסודות, ווי די איינאָרדענונגס-הלוואות, לויט א באַשטעטיקונג פון די קהילות און קאָמיטעטן, אז די באַטרעפנדע פּערזאָן נויטיקט זיך אין מעבל, אָבער מיטן אומבאַדינגטן תנאי, אז מעבל זאָלן באַקומען נאָר די בונים-רעעמיגראַנטן, וואָס בויען זייערע הייזער.

דאָס מעבל האָט שטאַרק מיטגעהאָלפן דער אינעווייניקסטער איינאָרדענונג פון דער דירה, אַלס אָרגאַנישער טייל פון בנין גופא.

צוליב פאַרשיידענע טעמים האָט זי





זיך אויסגעדריקט נאָר אין באַזאָרגן מיט שטולן און אייזערנע בעטן. אין אַנדערע ערטער האָבן די לאָקאַלע קאָמיטעטן, לויט זייער אייגענער איניציאַטיוו, פאַרפאַרטיקט א גרעסערע צאָל טישן און אַלמערס פאַר די בונים. אַנדערע, פאַרקערט, האָבן געמאַכט קניות אין ווילנע אויפן חשבון פון „יעקאָפּאָ".

ווי יעדער מין אויפבוי האָט אויך די מעבל-אַקציע געהאַט גרויס ערפאָלג. די ערשטע התחלה-סומע האָט ניט געקלעקט און עס האָבן זיך באַקומען אויף דעם צוועק נייע געלטער.

## V. יורידישע הילף.

די אַלע אויבנדערמאָנטע ענינים און אויפטוען זיינען ניט אַריבער אָן יורידישער הילף.

דער גורל פון היימלאָזן און רעעמיגראַנט איז שטענדיק געווען רייך מיט פּלאָגענישן און שטרויכלונגען. פאַרפּלאָנטערט און פול מיט סירכות און פּנימות זיינען הן זיינע ציווילע והן די בירגערליכע ענינים און אומעטום האָט ער זיך גענויטיקט אין א מליץ-יושר—א פאַרטיידיקער פון זיינע רעכט.

די יורידישע אָפּטיילונג, וועלכע איז בעגאַנגען האַנט ביי האַנט מיט דער היימלאָזע-אָפּטיילונג, האָט אין אַלע צייטן און ביי אַלע באַדינגונגען באַדינט די פאַרשיידענע קאַטעגאָריעס היימלאָזע מיט עצות און מעשים.

גענויער וועגן די אַלע ענינים, וואָס האָבן א שייכות צו דער יורידישער אַרבעט, ווערט גערעדט אויבן אין דעם באַזונדערן אַרטיקל „יורידישע הילף".

## VI. אָרגאַניזאַציע-ענינים.

### 1. באַראַטונגען.

כדי צו קאָאָרדינירן די אַרבעט אויפן גאַנצן שטח פון טעטיקייט-געביט פון „יעקאָפּאָ" זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן פון צייט צו צייט באַראַטונגען פון די פאַרשטייער פון די היימלאָזע-ביוראָען און קאָמיסיעס, אויף וועלכע מען פלעגט דורכריידן זיך מכח די אינעווייניגסטע אָנגעלעגנהייטן, טיילן זיך מיט די דערפאַרונגען און אָנמערקן די וועגן און אופנים פון דער ווייטערדיקער אַרבעט.

פון די דאָזיקע וויכטיקערע באַראַטונגען וועלן מיר דערמאָנען פאָלגנדע צוויי:

די ערשטע איז פאָרגעקומען דעם 28-טן פעברואַל און 1-טן מערץ 1922. צווישן אַנדערע זיינען באַהאַנדלט און אָנגענומען געוואָרן געהעריקע רעזאָלוציעס וועגן פאָלגנדע ענינים:

א) בנוגע הלוואות פאַר עמיגראַנטן: דער טעקסט פון דער רעזאָליוציע איז אָנגעוויזן

אויבן אין קאַפּיטל: „הלוואות עמיגראַנטן“.

ב) בנוגע יורידישע הילף: לעגאַליזירן די ביוראָען און דעלעגירן אַ פאַרשטייער קײן װאַרשע צו די פאַרשײדענע הײמלאָזע־אָרגאַניזאַציעס װעגן קאָנטאַקט אין דער אַרבעט.

ג) בנוגע הלוואות רעעמיגראַנטן: פאַרגרעסערן די הלוואות.

ד) בנוגע דער זאַמלונג פאַר הײמלאָזע: אָרגאַניזירן די גאַנצע אַקציע.

ה) בנוגע דער אײנהײטלעכער רעגיסטראַציע: אויסאַרבײטן אַן אַלגעמײנע רעגיסטראַציע און בוכהאַלטעריע פאַר אַלע ביוראָען און קאָמיסיעס.

ס׳איז אויך באַשלאָסן געװאָרן צו פּובליקירן אַ התראה, אַז די הײמלאָזע און עמיגראַנטן פון רוסלאַנד זאָלן ניט לויפן קײן פּוילן, אויפקלערנדיק דערבײ די געפאַרן, װעלכע זײ שטײען פאָר.

די צװײטע באַראַטונג איז פאָרגעקומען דעם 29—30 אויגוסט 1922. די װיכטיקסטע רעזאָלוציעס זײנען געװען פאָלגענדע:

א) בנוגע די ביוראָען פאַר הײמלאָזע: זײ זאָלן אומבאַדינגט זײן אונטערגעװאָרפן דעם קאָנטראָל פון די קהילות און קאָמיטעטן אויף די ערטער.

ב) בנוגע רעעמיגראַנטן: פאַרגרעסערן די הלוואות אויף אײנאָרדענען זיך און באַזאָרגן מיט מכשירים די בעלי־מלאכות.

ג) בנוגע פּראָפעסיאָנעלע בילדונג: פאַרװירקלעכן װאָס גיכער אין לעבן די פּלענער פון „יעקאָפּאָ“ אויפן געביט פון פּראָפעסיאָנעלער בילדונג.

## 2. צירקולאַרן און זיצונגען.

אין משך פון דער אויבנדערמאָנטער צײט זײנען דורך דער צענטראַלער הײמלאָזע־אָפּטײלונג פון „יעקאָפּאָ“ פאַנאַנדערגעשיקט געװאָרן צו די אָפּטײלונגען און קאָמיסיעס, װעלכע האָבן זיך פאַרנומען מיט הײמלאָזע־פאַרזאָרגונג, 48 צירקולאַרן.

די צירקולאַרן האָבן באַהאַנדלט אַלע ענינים, װאָס האָבן אַ שײכות צו הײמלאָזע, רעעמיגראַנטן און עמיגראַנטן, װי: דערנערונג, האָלץ, דירה, קיכן, פּסח־אַקציע, מגורשים, באַשטײערונג, הלוואות, רעגיסטראַציע, שריפטלעכע באַריכטן, װעגן אײנהײטלעכער בוכהאַלטעריע און פאַרשײדענע אָנװײזונגען די הײמלאָזע און רעעמיגראַנטן.

פאַר דער זעלבער צײט זײנען פאָרגעקומען 63 זיצונגען פון דער הײמלאָזע־צענטראַלע, װי אויך 16 זיצונגען פון דער עקזעקוטיװע פון „יעקאָפּאָ“, װוּ עס זײנען באַהאַנדלט געװאָרן דער עיקר הײמלאָזע־פראַגן.



י.

## די טעטיקײט אין די אָרטיקע ביוראָען און רעעמיגראַנטן־פּונקטן.

צום סוף האַלטן מיר פאַר נויטיק צו װידמען אַ ספּעציעלן פּרק דער טעטיקײט פון אײניקע מער װיכטיקע פּונקטן אין אונזער פּראָװינץ, װי אויך פון דער הײמלאָזע־ביוראָ אין דער שטאָט װילנע.

### 1. מאָלאָדעטשנע.

אַלס טראַנזיט־און גרעניץ־פּונקט האָט זי פאַרנומען דעם װיכטיקסטן אָרט אין אונזער ראַיאָן, הן מיט דער צאָל דורכגײער והן אין מעשים. מיט רעכט איז זי טיטולירט געװאָרן דורך די הײמלאָזע אַלס „טויער צו פּוילן“. זײענדיק אין נאָענטער שכנות צו מינסק—דעם זאַמלפּונקט פון הײמלאָזע און רעעמיגראַנטן,— איז מאָלאָדעטשנע געװען דער דורכװאַנדערונגס־אָרט נאָך דאָן, װען אין אַנדערע ערטער פון אונזער געביט איז פון װאַנדערער אפילו קײן זכר ניט געװען. און װען מאָלאָדעטשנע איז געװאָרן דער זיץ־פּלאַץ פון די רעגירונגס־אינסטיטוציעס, װי סטאַציאַ קאָנטראָלנאַ און „יו״ר“,—זײנען דאָרט קאָנצענטרירט געװאָרן די אַלע, װעלכע האָבן געװאַנדערט דורך ראַדאָשקאָװיטש, איליע, קראַסנע פון מינסקער זײט, װי אויך טײלװײז דורך דאָקשיץ, דאָלהינאָװ, זיאַבקי פון דער זײט פון פּאָלאָצק.

די באַציאונג צו די יידישע הײמלאָזע און רעעמיגראַנטן, װי אויך צו די פאַרשטײער פון דער אָרטיסער ביוראָ מצד די אָנפירער פון די מלוכה־אָרגאַנען, איז מערסטנטײלס געװען אַ טאָלעראַנטע. עס פלעגט אָבער אויך פּאַסירן, אַז מיט אַ מאָל פלעגט װערן אַן ענדערונג און עס פלעגט אַרויסגעװיזן װערן פלוצלונג אַ געװיסער חשד צו די פאָרשטײער והן צו די הײמלאָזע און רעעמיגראַנטן: אַזױ, למשל, איז אײנצײטיג

1) ניט ערלויבט געװאָרן די פאַרשטײער צו אינטערװעניר[ן] װעגן יורידישע ענינים אָן אַן ערלויבעניש פון די העכערע רעגירונגס־אָרגאַנען און זײער טעטיקײט איז באַגרעניצט געװאָרן נאָר מיט אַרויסגעבן עסן און קלײדונג.

2) די רעגיסטראַציע פון די פּערזאָנען אויף צו באַקומען די ערלויבטע תמיכה האָט געמוזט פאָרקומען אין געגנװאַרט פון אַ פּוילישן באַאַמטן פון יו״ר און דער געשפּרעך האָט זיך געמוזט פירן נאָר אין פּויליש.

װײטער פלעגט טרעפן, אַז מען פלעגט האַלטן אין קאַראַנטין װאָכן און חדשים אָן אַ חקירה ודרישה, װאָס עס האָט





אומגעהויער שלעכט געװירקט אויף די פאַרהאַלטענע פּערזאָנען.

עס איז אָבער בלי ספק אין אַלגעמײן געװען מער ליכט װי שאָטן אין די געגנזײטיקע באַציאונגען פון די אויבנדערמאָנטע אַנשטאַלטן צו אונזערע פאַרשטײער און פּעטענטן.

די גזרות פלעגן אָפטמאָל בטל װערן פון זיך אַלײן, אָפטמאָל דורך אַ דירעקטער אינטערװענץ מצד דער צענטראַלע פון „יעקאָפּאָ“ בײ די אָנפירער פון די אַנשטאַלטן אין מאָלאָדעטשנע גופא. אין באַזונדערס װיכטיקע פאַלן פלעגט מען זיך אויך װענדן צו די צענטראַלע רעגירונגס־אָרגאַנען אין װילנע.

אַדאַנק די פרײנדלעכע באַציאונגען איז אַנטװיקלט געװאָרן דורך אונזערע פאַרשטײער אַ באַדײטנדע טעטיקײט אויף אַלע געביטן: שוין אָפּגערעדט פון די פאַרשײדענע אינטערװענצן װעגן אײנצלנע פּערזאָנען, פלעגן אָנגענומען װערן אַלע מיטלען, אַז די הײמלאָזע און רעעמיגראַנטן זאָלן ניט פאַרהאַלטן װערן קײן איבעריקע צײט אין קאַראַנטין, די ספקדיקע—זאָלן אָפּגעשיקט װערן אין פּאָװיאַט אויף אַ דעציזיע פון סטאַראָסטע. די קראַנקע און חולאים פלעגן איזאָלירט װערן אין פּריװאַטע דירות אויף דער אחריות פון די פאַרשטײער און, ענדלעך, פלעגן אַלע פּעטענטן באַפרײט װערן אונטער דער השגחה פון דער ביוראָ אויף װאַרימע מיטאָגן, װעלכע פלעגן פאַר זײ צוגעגרײט װערן אין אַ פּריװאַטנער הײז אויפן חשבון פון „יעקאָפּאָ“.

היות, װי די ערשטע צײט פון אָרגאַניזירן דעם באַראַק דורך יו״ר איז אויסגעקומען די הײמלאָזע צו שלאָפן אויף דער ערד איז דורך „יעקאָפּאָ“ אַרויסגעגעבן געװאָרן אַ געװיסע סומע אויף אײנצואָרדענען דאָרט נאַרעס, װי אויך אַ געהעריקע צאָל סעניקעס. פאַרשטײט זיך, אַז מיט די סעניקעס און נאַרעס האָבן זיך באַנוצט הן יידן והן קריסטן.

די טיכטיקסטע מיטאַרבעטער אין דער מאָלאָדעטשנער ביוראָ זײנען געװען די ה״ה יוחנן לעװין און יוסף װידראָװיטש.

### 2. ראַקאָװ.

נאָך מאָלאָדעטשנע איז ראַקאָװ געװען דער צװײטער פּונקט, װאוהין עס פלעגן שטראָמען װאַנדערער פון דער זײט פון מינסק. להיפך אָבער צו מאָלאָדעטשנע, האָט דאָרט ניט עקסיסטירט קײן יו״ר און סטאַציאַ קאָנטראָלנאַ. נאָר זײ האָט פאַרביטן די אָרטיקע פּאָליצײ אָדער די מיליטערישע גרעניץ־מאַכט.

אויב די דורכגייער פלעגן אָנטרעפן אויף דער פּאָליציע — זיינען זיי פאַרהאַלטן געוואָרן אין צירקל, ביז עס האָט זיך צונויפגעקליבן אַ גרעסערע פּאַרטיע, און דאַן פלעגן זיי אָפּגעשיקט ווערן קיין סטאָלבצי צום סטאַראָסטע.

האָבן זיי אָבער אָנגעטראָפן אויף דער מיליטערישער וואַך, האָט מען זיי איבערגעגעבן צום מיליטערישן קאָמענדאַנט, וועלכער האָט געהאַט אַ פאַראָרדענונג אַלעמען — היימלאָזע אָדער רעעמיגראַנטן — אָפּשיקן צוריק קיין רוסלאַנד. דערביי פלעגן זיך אָפּשפּילן שרעקלעכע סצענעס, וואָס האָבן ניט איינמאָל גערירט די הערצער אפילו פון קאָמענדאַנט און פון דער גרעניץ-וואַך, וועלכע פלעגן אין אַזוינע פאַלן זוכן פאַרשיידענע תירוצים, כדי צו באַרואיקן די צוריקגעשיקטע.

די ביוראָ האָט געהאַט איר אויפגאַבע צו באַזאָרגן, ערשטנס, די אַלע אָנגעקומענע מיט דערנערונג און קליידונג, ביז אויסשליסנדיק אויך די, וועלכע פלעגן געשיקט ווערן צוריק. צווייטנס — שאַפן ווי ווייט מעגלעך בעסערע באַדינגונגען פאַר די פּערזאָנען, וועלכע פלעגן דאַרפן פאַרבלייבן אַ קורצע און זייער אָפט אַ לייגנערע צייט אין דער פּאָליציע.

צו דעם צוועק זיינען אין צירקל, וואו די פאַרהאַלטענע פלעגן זיך אויפהאַלטן, איינגעאָרדנט געוואָרן נאַרעס, כדי מען זאָל זיך ניט וואַלגערן אויף דער ערד. ווייטער איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ שטענדיקע קיך, וועלכע פלעגט טעגלעך באַזאָרגן די פאַרהאַלטענע מיט וואַרעמע מיטאָגן. עס זיינען אויך געדונגען געוואָרן פּריוואַטע דירות אויף איינצוקוואַרטירן מיט דער ערלויבעניש פון דער מאַכט קראַנקע, שוואַכע און קינדער. און לסוף זיינען געדונגען געוואָרן פורן פאַר די אַלע, וועלכע פלעגן אָפּגעשיקט ווערן קיין שטויבץ (סטאָלבצי), אַ מהלך פון בערך 70 קילאָמעטער פון ראַקאָוו.

ס'איז אויך געגרינדעט געוואָרן אַן אַ מ ב ו ל אַ ט אָ ר י ע ספּעציעל פאַר די היימלאָזע און רעעמיגראַנטן, וועלכע פלעגן קראַנק ווערן אין וועג, אַריבערגייענדיק די גרעניץ. אַזוי האָט געטראָפן אַ שרעקלעכער פאַל, ווען אַ גרופּע וואַנדערער, בלאָנדזשענדיק דורך נאַכט, האָט אָפּגעפרוירן די הענט און פיס. „יעקאָפּאָ" האָט תיכף געשיקט דירעקט פון ווילנע אַ דאָקטאָר-כירורג, וועלכער האָט אַלעמען אָפּערירט.

די אַרבעט פון די פאַרשטייער אין ראַקאָוו איז געווען באמת אַ מסירות-נפשדיקע. דאָס רוב זיינען דאָרט דורך ע מ י ג ר אַ נ ט ן, וועלכע האָבן זיך אויפגעשריבן מיט די קרובים אין אַמעריקע.



אין פוילן האָבן אויף זיי געוואַרט אַפּידעוויטן, שיפס-קאַרטעס און געלט. די מענטשן האָבן פאַרענדיקט אַלע זייערע חשבונות מיט רוסלאַנד און דאָס צוריקשיקן זיי האָט פאַר דעם עלעמענט באַטייט אַ פולשטענדיקע קאַטאַסטראָפע. די יורידישע אַרבעט און פאַרשיידענע אינטערווענצן מצד די אָרטיקע פאַרשטייער איז געווען זייער גרויס און אָפט מיט הצלחה.

די טיכטיקסטע מיטאַרבעטער אין ראַקאָווער ביוראָ זיינען געווען הרב ר' אברהם קאַלמאַנאָוויטש און ה' מיכאל פּופּקין.

### 3. ווילייקע.

גרויס ווילייקע האָט על פּי רוב ניט געהאַט קיין נייע פּעטענטן, נאָר אַהין פלעגן צוגעשיקט ווערן דער עיקר פון מאָלאָדעטשנער סטאַציע קאָנטראָלנאַ די רעעמיגראַנטן, וועמענס אָנגעהעריקייט צו פוילן איז געווען אין ספק און היימלאָזע, וועלכע האָבן זיך געגוויטיקט אין באַקומען צייטווייליקע וואוין-רעכט.

אין ווילייקע איז ניט געווען קיין אַנשטאַלט ווי יו"ר, וועלכע זאָל אויפנעמען די דאָזיקע פּערזאָנען און דעריבער פלעגן זיי אַריינגעזעצט ווערן אין דער פּאָוויאַטאָווער תפיסה ביז דער דעציזיע פון סטאַראָסטע.

די היימלאָזע-ביוראָ האָט אַזוינע פאַרהאַלטענע געגעבן די ערשטע הילף מיט דערנערונג און הייסע מיטאָגן, פלעגט אויך די קראַנקע און שוואַכע איזאָלירן, מיט דער הסכּמה פון סטאַראָסטע, אין פּריוואַטע דירות.

דערהויפּט, אָבער, דאַרף באַצייכנט ווערן די ענערגיע, וועלכע אונזערע פאַרשטייער פלעגן אָנווענדן ביי געבן די נויטיקע יורידישע הילף און דערמיט מציל זיין צענדליקער רעפּאַטריאַנטן א. אַ. וו.

חוץ אַ טראַנזיט-פּונקט, איז ווילייקע אויך געווען אַ רעעמיגראַציע-אָרט. הונדערטער פאַמיליעס האָבן דאָרט אין דער מלחמה-צייט פאַרלאָרן צוליבן אָנגריף פון די דייטשן אַ דאַך איבערן קאָפּ, זיינען מיטגעשלעפּט געוואָרן מיטן אַלגעמיינעם שטראָם קיין רוסלאַנד און ביי דער ערשטער מעגלעכקייט גענומען וואַנדערן צוריק. דער זעלבער גורל האָט אויך געטראָפן איינציקע ישובים פון אַרום ווילייקע, וועלכע זיינען ביסלעכווייז, אַ דאַנק דער צוריק-וואַנדערונג, געקומען צום לעבן.

די ביוראָ האָט זיך מיט אַלעמענס לאַגע פאַראינטערעסירט און אַרויסגעגעבן זיי די נויטיקע שטיצע, אָנהויבנדיק





מיט פשוטער תמיכה און ענדיקנדיק מיט אויפבוי.

די טיכטיקסטע מיטגלידער אין ווילייקער ביוראָ זיינען געווען דער פאָרזיצער פון קהילה ה' שלמה-חיים דובין, וויצע פאָרזיצער ה' יהודה פריידעס און דער סעקרעטאַר ה' יעקב קאָפּעליאָוויטש.

### 4. גלובאָקע.

גלובאָקער ביוראָ איז אויסגעקומען צו אַרבעטן אויף אַלע געביטן. זי האָט זיך פאַרנומען מיט ספּעציפישע אַרבעטן ביים יו"ר און סטאַציע קאָנטראָלנאַ, וועלכע האָבן דאָרט עקסיסטירט, אמת, אין אַ קלענערן מאַסשטאַב ווי אין מאָלאָדעטשנע. זי האָט געדאַרפט דערוועקן פאַרשיידענע השתדלותן ביים סטאַראָסטע, וועגן ענינים פון וואוין-רעכט און אַנדערע, פּונקט אַזוי ווי אין ווילייקע. פון דער אַנאַלאָגישער טעטיקייט מיט ראַקאָוו קענען פאַרצייכנט ווערן די וויכטיקסטע אויפטוען לטובת די עמיגראַנטן, וועלכע זיינען דאָרט דורך אין אַ גרויסע צאָל. און אַזוי ווי אומעטום זיינען דאָרט געווען אַלע קאַטעגאָריעס היימלאָזע און רעעמיגראַנטן, וועלכע זיינען אין דער ביוראָ באַזאָרגט געוואָרן.

די הויפּט-וואַנדערונג האָט געפלאָסן פון דער זייט פון פּ אָ ל אָ צ ק, ווי קובליטש, לוזשקי און אָרעכוועבע. עס איז אָבער געווען אויך אַ גרויסע צאָל, דער עיקר צווישן די רעעמיגראַנטן, וועלכע האָט זיך אומגעקערט אין גלובאָקע גופא און איז אָנגעקומען לעגאַל מיט עשעלאָנען דורך ראָוונע, באַראַנאָוויטש און אַנדערע ערטער.

גלובאָקע האָט אויך געדינט אַלס צענטער פאַר דער גאַנצער סביבה. חוץ דעם, וואָס די ביוראָ אין גלובאָקע פלעגט באַזאָרגן די אַלע רעעמיגראַנטן, וועלכע פלעגן זיך אומקערן אין יענער געגנט, זיינען אויך דורך די אָרטיקע פאַרשטייער באַזוכט געוואָרן אַלע דערבייאיקע ישובים און שטעטלאַך ווי: דיסנע, דרויע, מיאָר, ניי-פּאָהאָסט, גערמאַנאָוויטש, לוזשקי, פּליסע און שאַרקאָוושטשינע מיטן ציל איינצושטעלן נאָענטערע באַציאונגען מיט די אויבנדערמאָנטע פּונקטן, ווי אויך גרינדן אָרטיקע היימלאָזע-קאָמיטעטן, וועלכע זאָלן פירן די אַקציע אויף מער געזעלשאַפטלעכע יסודות.

אין גלובאָקע איז זייער גוט געווען אָנגעשטעלט די מעדיצינישע הילף דורך דאָקטאָר-באַזוכונגען, רעצעפּטן און פאַרשטאַרקטע דערנערונג. עס איז אויך געלייגט געוואָרן גרויס אַכט אויף די באַשוכונג און באַקליידונג, הלוואות עמיגראַנטן און רעעמיגראַנטן, שכר-לימוד און דירות-פראַגע.

די וויכטיקסטע מיטאַרבעטער פון גלוֹבאָקער ביוראָ זיינען געווען הרב ר׳ יוסף כ״ץ און ה׳ שלמה באָגין.

## 5. דווינסק.

דווינסק געהערט צו לעטלאַנד. דורך אַט דער שטאָט איז לויט אַ פאַרשטענדיקונג צווישן די פאַראינטערעסירטע מלוכות פאַרגעקומען דער עשעלאָן-טראַנזיט פון רוסלאַנד קיין ליטע דורך יעלאָווקא—אבעלי.

היות ווי לעטלאַנד גרעניצט זיך אויך מיט פוילן האָט אַ גרויסער טייל פּוילישע רעעמיגראַנטן, סיי יידן סיי קריסטן, אויסגענוצט די געלעגנהייט און דורך פאַרשיידענע אופנים געקומען מיט די היימלאָזע-עשעלאָנען קיין לעטלאַנד מיטן געדאַנק פאָרטצוזעצן זייער נסיעה קיין פוילן.

די צאָל פון אַזוינע „פאַרבלאָנדזשעטע״ רעעמיגראַנטן איז געווען אַזוי גרויס, אַז די פּוילישע מלוכה האָט באַשטימט אַ ספּעציעלן באַאַמטן אויף דער לעטישער טעריטאָריע אין קאַלקון, וועמענס ציל עס איז געווען צו רעגיסטרירן די אַלע פּערזאָנען און אָפּשיקן זיי מיט די געהעריקע פּאַפּירן קיין פוילן אין קאַראַנטין.

די באַציאונג פון די רעגירונגס-פאַרשטייער צו די יידישע רעפּאַטריאַנטן איז געווען זייער אַ שלעכטע און אָנגעזאָפּט מיט שנאה. פאַר זיי האָבן ניט עקסיסטירט קיינע דאָקומענטן און באַווייזן: צו אַלעמען מיט דער וועלביקער פאַרביסנקייט, חשד אין באָלשעוויזם און אומלאָיאַליטעט. דער פועל-יוצא פון דעם— אַ פולשטענדיקער חרם אויף די יידישע רעעמיגראַנטן און קיינעם ניט דורכלאָזן קיין פוילן.

די לאַגע פון אַזוינע פּערזאָנען איז געווען אומגעהויער שווער. די לעטישע רעגירונג, וועלכע האָט זיך לכתחילה באַצויגן צו זיי גאַסטפריינדלעך, האָט גענומען שפּעטער קוקן אויף זיי מיט אַ קרום אויג, באַופן, אַז ליינגער פאַרבלייבן אויף דער טעריטאָריע פון לעטלאַנד האָבן זיי ניט געקאָנט און דאָס צוריקשיקן זיי קיין רוסלאַנד איז געווען אומפאַרמיידלעך.

דער פאַרצווייפלטער געשריי פון די רעעמיגראַנטן איז דערגאַנגען צו „יעקאָפּאָ״, וועלכע האָט אָנגענומען אַלע מיטלען, אַז די לאַגע זאָל דאָרט געענדערט ווערן.

„יעקאָפּאָ״ האָט דעם ענין אויפגעקלערט אין צענטראַלן היימלאָזע-דעפּאַרטאַמענט פון דער רעגירונג אין ווילנע און מיט זיין הסכם און רשות איז דעלעגירט געוואָרן דורך „יעקאָפּאָ״ אַ באַפולמעכטיקער קיין לעטלאַנד מיטן ציל אויסצופאָרשן די אמתע לאַגע און קאָנטראָלירן די באַקומענע ידיעות, ווי אויך אינטערווענירן וועגן דעם ענין ביים באַאַמטן אין קאַלקון און ביים קאָנסול אין דווינסק.

אַלס רעזולטאַט פון דער נסיעה האָט זיך די לאַגע באַדייטנד געענדערט צום גוטן. דער באַאַמטער אין קאַלקון איז געוואָרן אַ סך מילדער אין זיינע פאָדערונגען. דער פּוילישער קאָנסול האָט זיך מיט דער לאַגע פון די רעעמיגראַנטן פאַראינטערעסירט און פאַראָרדנט דעם פאַרשטייער צו מאַכן אַלע נויטיקע פאַרלייכטערונגען.

עס איז אויך פאַראינטערעסירט געוואָרן די דווינסקער קהילה, וועלכע האָט אויסגעטיילט פון זיך אַ קאָמיסיע אין באַשטאַנד פון 4 פּערזאָן, און זיי האָבן געבילדעט די אַזוי אָנגערופענע „ביוראָ פאַר היימלאָזע״ אין דווינסק.

כדי די 4 פאַרשטייער זאָלן האָבן אַ פאָרמעל-יורידישע באַרעכטיקונג אין הינזיכט פון אינטערווענצן ביי דער פּוילישער מאַכט, איז זיי אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך דעם ווילנער יו״ר באַשטעטיקונגען, אַז זיי זיינען די פאַרשטייער פון „יעקאָפּאָ״ אין די אַלע ענינים פון יידישע הייכלאָזע און רעעמיגראַנטן.

די ביוראָ האָט געדונגען אַ דירה אין קאַלקון, וואו די יידישע רעעמיגראַנטן האָבן זיך אויפגעהאַלטן ביז זייער אָפּשיקן קיין פוילן, זי האָט איינגעלאַדן אַ ספּעציעלן מענטשן, וועמעס איז בייגעווען אויסן באַן ביים אַריינזעצן זיך אין די צוגן, זי האָט געגעבן דערנערונג און מעדיצינישע הילף, משתדל געווען זיך ביי דער לעטישער מאַכט, אַז די צווייפלהאַפטע זאָלן ניט צוריקגעשיקט ווערן צוריק, נאָר איבערגעלאָזן ווערן אין לעטלאַנד ביז זייער מעגלעכקייט אַריינצופאָרן קיין פוילן וועט איינגאַנצן ערליידיקט ווערן.

די ביוראָ האָט אין הינזיכט פון אינטערווענץ אויפגעטאָן זייער פיל און געבראַכט אַ סך נוצן די רעעמיגראַנטן און היימלאָזע.

זי האָט עקסיסטירט פון 27 מאַי 1921 ביז 10 מערץ 1922.

די וויכטיקסטע מיטאַרבעטער אין ביוראָ זיינען געווען די ה״ה: ר. צבי, ד״ר וויסמאַן, שמואל הורוויטש, י. עדעלשטיין און דער סעקרעטאַר פון דער קהילה יצחק לעווין.

## 6. נאָוואָ-סווענציאַן.

די ביוראָ אין נאָוואָ-סווענציאַן האָט באַדינט די היימלאָזע און רעעמיגראַנטן, וועלכע פלעגן פאָרן פון רוסלאַנד דורך לעטלאַנד און ליטע, ווי אויך די







רעעמיגראַנטן פון ליטע גופא. צווישן די לעצטע זיינען געווען פאַרשיידענע קאַטעגאָריעס. עס זיינען געווען פרייוויליגע רעעמיגראַנטן, וועלכע האָבן אין דער צייט פון דער מלחמה געלעבט אין ליטע און גענומען אומקערן זיך אַ היים. דאָס רוב זיינען עס געווען פון דער נאָענטער סביבה ווי: ווידז, בראַסלאַוו, הײדוציִשקי און אַנדערע. עס זיינען אויך געווען געצוואונגענע רעעמיגראַנטן, אַזוי גערופענע מגורשים, וועלכע די ליטווישע מלוכה האָט אַרויסגעשיקט פון לאַנד, און פאַרקערט מגורשים פון פוילן קיין ליטע, אָדער סתם רעעמיגראַנטן, וועלכע האָבן זיך אויסגעקליבן נאָוואָ-סווענציאַן אַלס דורכגאַנגס-פונקט. די אַלע זיינען אויך באַזאָרגט געוואָרן דורך דער נאָוואָ-סווענציאַנער ביוראָ.

די רייזנדע דורך לעטלאַנד פלעגן דורכמאַכן זייער נסיעה די גאַנצע וועג ביז נאָוואָ-סווענציאַן מיטן באַן. דאַגעגן די ליטווישע פלעגן זיך דערקלייבן ביז דער דעמאַרק-ליניע מיט פור.

דער טרעף-פונקט מיט דער פּוילישער גרעניץ-וואַך איז געווען אין פאַרשיידענע ערטער: דוקשט, איגנאַלינע, לינגמיאַן און קאָלטיניאַן. דער זאַמל-פונקט איז אָבער געווען אין נאָוואָ-סווענציאַן, ווייל דאָרט האָבן עקסיסטירט דער יו״ר—אויף אָפּצוריכטן קאַראַנטין, און די סטאַציע קאָנטראָלנאַ—אויף דעם פּאָליטישן קאָנטראָל.

ס׳זיינען געווען פאַלן, ווען וואַנדערער דורך ליטע האָבן באַגעגנט שוועריקייטן מצד דער גרעניץ-וואַך, וועלכע פלעגט צונעמען ביי די רעעמיגראַנטן די פּערזענלעכע דאָקומענטן אויף אָפּצושיקן קיין ווילנע און ביז אַ תשובה—לאָזן זיי אויף דער דעמאַרק-ליניע אונטערן פרייען הימל. אַזאַ פּראָצעדור פון דורכקוקן די פּאַפּירן, וועלכע פלעגט געדויערן אַ לייענגערע צייט, האָט געווירקט זייער שווער אויף די פאַראינטערעסירטע פּערזאָנען.

עס איז מצד „יעקאָפּאָ״ דערלאַנגט געוואָרן אַ מעמאָראַנדום צו דער געהעריקער מאַכט אין ווילנע וועגן דעם ענין און אַדאַנק דעם האָט זיך דאָס מער ניט איבערגעחזרט און אַלע אָן אויסנאַם פלעגן אַריבערגעשיקט ווערן אין נאָוואָ-סווענציאַן.

ווי עס איז צו זען, האָט די ביוראָ אין דעם אָרט געהאַט היימלאָזע און רעעמיגראַנטן פון פאַרשיידענע מינים. דאָס האָט געשאַפן אַ לאַגע, אַז די אינטערווענצן זיינען געווען אָפטער ווי אין אַנדערע ערטער און די ענינים פאַרפלאָנטערטער, און דורך אונזערע פאַרשטייער איז באמת אַ סך אויפגעטאָן געוואָרן אויף דעם געביט.

רי באַציאונג צו די פּעטענטן אין יו״ר איז געווען אַ פריינדלעכע און אַ גוטע. פון דער סטאַציע קאָנטראָלנאַ–אָזסמאָל יורידיש שטריינג, אָבער בכלל–אַ לאָיאַלע.

דורך „יעקאָפּאָ" איז דאָרט אויך אויסגעהאַלטן געוואָרן אַ קיך און עס זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן אַנדערע מינים הילף, ווי: מילך פאַר קינדער און קראַנקע, ביסקוויט, זייף, וועש, בגדים, שיך און הוצאות־הדרך.

דער פאָרשטייער פון „יעקאָפּאָ" און פאַרוואַלטער פון דער ביוראָ אין נאָוואָסווענציאַן איז געווען ה' העשל הורוויטש.

## 7. ווילנע.

די היימלאָזע און רעעמיגראַנטן פון אַלע אויבנדערמאָנטע פונקטן, וואוהין זיי זיינען ניט געפאָרן, פלעגן אַממייסטן דורכגיין דורך ווילנע. ווייטער איז געווען גרויס די צאָל פון די רעעמיגראַנטן פון די שכנות־דיקע חרובע ערטער, ווי קרעווע, סמאָרגאָן, ווידז און אַנדערע, וועלכע האָבן זיך צייטווייליג באַזעצט אין ווילנע, מחמת מאַנגל פון דירות אין זייערע פונקטן. עס האָט זיך אויך אומגעקערט אַן עם־רב פון רוסלאַנד דירעקט קיין ווילנע. זיי זיינען דאָס רוב געקומען מיט עשעלאָנען דורך די צענטראַלע פוילישע טראַנזיט־פונקטן ווי ראָוונע, באַראַנאָוויטש און דאָראָהוסק.

די אַלע אָנגעקומענע האָבן געשאַפן גרויסע קאָדרן נצרכים, וועלכע זיינען די ערשטע צייט פון זייער אָנקומען געווען אָנגעוויזן אויף דער הילף פון „יעקאָפּאָ".

די צאָל היימלאָזע און רעעמיגראַנטן איז ווי אין אַ צענטראַלן פונקט געווען די גרעסטע און במילא זיינען אויך געווען גרויס די נויטן. ס'איז אַנטוויקלט געוואָרן אַ קאָלאָסאַלע טעטיקייט אויף צו באַפרידיקן די דאָזיקע טאָגטעגלעכע נויטן און באַדערפעניש פון די פּעטענטן.

דאָ האָבן געפונען אַן אָרט די אַלע אָנגעמערקטע פּאָזיציעס פון אַרבעט, וועלכע זיינען בענוי אַרומגערעדט געוואָרן אין די פאָריקע פרקים.

דערביי האָט זיך די ווילנער היימלאָזע־ביוראָ אָפּגעגעבן אינגאַנצן מיט דער מאַטעריעלער זייט פון דער הילפס־אַקציע. דאַקעגן די יורידישע פונקציעס האָט דערפילט די צענטראַלע יורידישע אָפּטיילונג פון „יעקאָפּאָ".

דער פאַרוואַלטער פון דער ביוראָ אין ווילנע איז געווען ה' הלל פליאַם.

## 8. סמאָרגאָן.

סמאָרגאָן–אַ קהילה פון בערך 16,000 יידן–אַ באַקאַנטע אינדוסטריע־שטאָט מיט אַ גוט־אַנטוויקלטער לעדער־פאַבריקאַציע,



איז אין דער מלחמה פולשטענדיק צערואינירט געוואָרן. אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות צו געהילץ, איז חרוב ומוחרב געוואָרן עד היסוד, מויער און שטיין–האָבן געלאָזן הינטער זיך ווענט און אויסגעשטאַרצטע קוימענס. די גאַנצע באַפעלקערונג איז צעשפּרייט און פאַרשפּרייט געוואָרן אין ווייטן רוסלאַנד.

דאָס אומקערן זיך איז געווען אַ כאַאָטישער און געטראָגן אַ מאַסן־כאַראַקטער. קיין וואוינונגען זיינען ניט געווען, האָט מען זיך אַריינגעקליבן און פאַרפולט אַלע קעלערן, אָקאָפּעס, חורבות, בוידימער און שטאַלן.

אייגנטלעך איז אַזאַ מאַסן־רעעמיגראַציע פאָראַויסגעזען געוואָרן נאָך אין נאָוועמבער 1920. דאַן איז פאַרענדיקט געוואָרן דורך „יעקאָפּאָ" אַ בנין, וועלכער זאָל אויפנעמען די קינפּטיקע רעעמיגראַנטן.

דאָס איז אָבער געווען ווייניק. די באַדערפעניש אין צייטווייליקע דירות, ביז די רעעמיגראַנטן וועלן אויפשטעלן זייערע הייזער פון דאָס ניי, איז געווען אויסערגעוויינלעך דרינגענד. „יעקאָפּאָ" האָט ווי ווייט מעגלעך געלינדערט די דירה־נויט דורך אויפשטעלן אַ ריי געזעלשאַפטלעכע בנינים.

ווייטער איז געווען ניט ווייניק דרינגענד די הילפס־אַקציע בכלל, וועלכע איז דערליידיקט געוואָרן אין סמאָרגאָן מיט אַ ברייטער האַנט: די גרויסע געלט־שטיצע, וועלכע איז דאָרט אויסגעשאָטן געוואָרן, די הלוואות אויף איינצואָרדענען זיך, דאָס אַרויסגעבן מעבל, די הונדערטער פאָר שיך, קאָסטיומען, קליידער, מאַנטלען, וועש און נאָך פאַרשיידענע מינים קליידונג און פּראָדוקטן ועל כולם די גרויסע אויפבוי־אַקציע, וואָס האָט געהאַט די גרעסטע באַדייטונג פאַרן וואוילשטאַנד פון דער שטאָט.

און דאָך וואָלט זיך פילן אַ גרויסער בלויז אין דער אַרבעט, ווען „יעקאָפּאָ" וואָלט זיך ניט אַריינגעטראַכט אין דער שווערער לאַגע פון די קינדער און ניט געשאַפן מעגלעכקייטן צו דערהאַלטן זיי ביי דער נשמה.

די מלחמה־ירושה האָט זיך שטאַרק געלאָזט מערקן אויף די קינדערשע גופימלעך. די אויספאָרשונגס־אַרבעט אויף דעם געביט האָט פעסטגעשטעלט, אַז פון 211 קינדער, וועלכע זיינען אונטערזוכט געוואָרן דורך אַ דאָקטאָר אין סמאָרגאָן, זיינען אַלע קינדער אָן אויסנאַם בלוט־אָרים. חוץ דעם האָט יעדער קינד אָן און פאַר זיך אַ הוספה־מחלה: 159 קינדער ליידן אויף אינגערלעכע און אַנדערע קראַנקהייטן; 31 הויט־



קראַנקע; 11 אויגן־קראַנקע; 6 פסיכישע און נערוועזע ק־אַנקע; 3 אויערן־קראַנקע; 1 קראַנקער אויף נאָז־און האַלדז.

די לאַגע האָט געקאָנט ווערן נאָך שרעקלעכער, ווען מען וואָלט ניט אָנגענומען עקסטראַ אָרדינערע מיטלען אויף צו לאָקאַליזירן און ליקווידירן דעם מצב. אַ סך האָבן אין דעם מיטגעהאָלפן דער אינטערנאַט און די קינדער־קיך.

באַזונדערס איז כדאַי זיך אָפּצושטעלן אויף די פאָלגנדע אויפטוען אין סמאָרגאָן:

א) געזעלשאַפטלעכע בנינים.

אַזוינע בנינים זיינען געווען זעקס. 1 בנין איז אויסגעבויט געוואָרן אויף די מיטלען פון „יעקאָפּאָ", 1 בנין–אויף די מיטלען פון „יעקאָפּאָ" און סמאָרגאָנער קהילה, 2 בנינים זיינען פולשטענדיק רעמאָנטירט געוואָרן דורך „יעקאָפּאָ" און 1 בנין איז אָפּגעדונגען געוואָרן ביי אַן אָרטיקן הויז־באַזיצער.

אין די אַלע בנינים האָבן פאַר דער גאַנצער צייט פון זייער עקסיסטענץ געפונען אַן אָפּרו בערך אַ 600 פּערזאָן.

די בנינים ווי אויך די אינעווייניקסטע איינריכטונגען זיינען געווען גאַנץ פּרימיטיוו. נאַרעס ביי די ווענט, טישן און ביינקלעך אין די מיטן צימערן. אַלץ איז אויסגערעכנט געוואָרן אויף צייטווייליקייט.

דער זעקסטער בנין איז די געוועזענע הרובע שעכט־הויז. זי איז גרינדלעך איבערגעמויערט און איינגעריכטעט געוואָרן ספּעציעל פאַר אַ מאַסן־וואוינונג.

די בנינים, וועלכע זיינען לכתחילה געווען אַ אומבאַדינגטע נויטווענדיקייט, אַ געבאָט פון דער צייט, האָבן סוף כל סוף גענומען אַרויסווייזן זייערע נעגאַטיווע זייטן.

ערשטנס, די אומריינקייט. אין אַ מאַסן־וואוינונג פאַרלאָזט זיך איינער אויפן אַנדערן און דער פועל־יוצא איז–שמוץ ביזן האַלדז און אַ פאַרפעסטעטע לופט. „יעקאָפּאָ" האָט געפּרובט מיטלען: באַשטימט משגיחים אויף דער ריינקייט, איינגעלאַדן אַ דאָקטאָר, אָבער עס האָט ליידער קיינע ממשותדיקע רעזולטאַטן ניט געבראַכט.

אַנדערע רעעמיגראַנטן האָבן פאַרוואַנדלט דעם בנין אין אַ שטענדיקע וואוינונג, איינגעלעבט זיך מיט דער בלאָטע און ניט געוואָלט פאַרלאָזן איר. אַזוינע האָבן זיך געפילט אַלס פולשטענדיקע בעלי־בתים, פונאַנדערגעלייגט זייערע קלומיקעס, פונאַנדערגעפּעקלט זיך און געבערנט די טריט פון די איבעריקע שכנים. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ פאַרשטענדלעכע פאַרביטערונג, וואָס פלעגט דערגיין צו גרויסע מחלוקת.

און לסוף דער געמיינזאַמער לעבן פון פיל משפחות אין איין צימער, פרויען און מענער, האָט דעמאָראַליזירענד געווירקט אויף דער יוגנט און קינדער.

„יעקאָפּאָ“ האָט דעריבער תיכף אָנגענומען אַלע מיטלען, אַז ווי נאָר די ערשטע שאַרפע נויט איז אַריבער, זאָל געמאַכט ווערן אַ סוף צו דעם דאָזיקן בעצהאונגענעם מצב. ס׳זיינען אַסיגנירט געוואָרן גרעסערע סומעס געלט און די מאַסן־וואוינונגען זיינען ביסלעכווייז ליקווידירט געוואָרן אויף אַזאַ אופן: אַ טייל איינוואוינער איז אַרויסגעגעבן געוואָרן באַדייטנדערע הלוואות אויף צו בויען אָדער פאַרענדיקן זייערע אייגענע הייזער און אַ טייל זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן פאַר גרויסע דירה־געלט אין פּריוואַטע דירות.

ב) קינדער־אינטערנאַט. דער קינדער־אינטערנאַט איז געגרינדעט געוואָרן דעם 10 דעצעמבער 1922 און האָט עקסיסטירט ביז אַפּריל 1924. צוליב מאַנגל אין אַ פּאַסנדן לאָקאַל, האָט זיך דער אינטערנאַט די ערשטע צייט אַריינגעקליבן אין 7 פאַרשיידענע דירות, וועלכע האָבן זיך אָבער געפונען זייער נאָענט איינע פון דער אַנדערער: איין דירה האָט פאַרנומען דעם שלאָף־צימער, שפּייז־צימער, קיך און פּראָדוקטן־לאַגער; די צווייטע דירה—נאָך אַ שלאָף־צימער; די דריטע און פערטע—פאַרוויילונגס־צימערן און לייען־זאַל; פינפטע—איזאָלאַציע־אָרט פאַר קראַנקע קינדער; זעקסטע און זיבעטע—פאַרן פּערסאָנאַל. די אַלע דירות זיינען געוואָרן גוט איינגעריכטעט און צוגעפּאַסט פאַר זייער ציל.

דער קינדער־מאַטעריאַל אין צאָל פון 42 נפשות איז אויסגעקליבן געוואָרן פון די עלעמענטן, וועלכע האָבן געלעבט אין די שווערסטע באַדינגונגען, אין געזעלשאַפטלעכע הייזער און קעלערן, אָפּגעשוואַכטע און פאַרפּעסטעטע.

די קינדער איז ניט ערלויבט געוואָרן די ערשטע צייט צו האָבן אַ מגע־ומשא מיט זייערע פאַמיליעס, ווי אויך צו באַזוכן די פאָלקס־שול, כדי ניט צו פאַרשלעפּן אינפעקציע־קראַנקהייטן אין אינטערנאַט.

אין דער זעלבער צייט איז אָבער געלייגט געוואָרן גרויס אויפמערקזאַמקייט אויף זייער דערנערונג ווי אויך אויף דער מעדיצינישער הילף. דער שטאָט־דאָקטאָר פלעגט טעגלעך באַזוכן די קינדער. די קראַנקע אויף פּאַוואוס און קרעץ זיינען איזאָלירט געוואָרן און פולשטענדיק אויסגעהיילט געוואָרן.

אין מאַי 1923 האָט זיך דער אינטערנאַט אַריינגעקליבן אין צווייגאָרנדיקן געמויערטן בנין, וועלכער איז צו דעם ציל ספּעציעל געבויט געוואָרן דורך „יעקאָפּאָ“.

דורך דעם, וואָס דער אינטערנאַט האָט באַקראָגן איין גרויסן פּאַסנדן לאָקאַל, האָט מען געהאַט די מעגלעכקייט צו פאַרגרעסערן די צאָל קינדער ביז זעכציק, אַריינצוטראָגן רעפאָרמען אין דער אַרבעט און איבערגעבן זיך מער מיט דער דערציאונג פון די קינדער, וואָס ביי די פריערדיקע באַדינגונגען איז דאָס געווען ווייניק מעגלעך.

ס׳זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן רעגולערע פאָרלעזונגען און געשפּרעכן וועגן נאַטור־וויסנשאַפט, געאָגראַפיע און געשיכטע, פון צייט צו צייט פלעגן פאָרקומען יום־טובים און פאַרוויילונגען, אין וועלכע די קינדער פלעגן פערזענלעך נעמען אַן אָנטייל. דאָס האָט געהאַט זייער אַ גוטע ווירקונג אויף די קינדער, בפרט, ווען מיר נעמען אין אַכט, אַז מיט אַ קורצער צייט צוריק זיינען דאָס געווען קינדער פאַרווילדעטע און פאַרגרעבטע.

מיטן וואוקס פון אינטערנאַט און מיט דער פאַרבעסערונג פון דעם פיזישן צושטאַנד פון די קינדער, זיינען אַלע קינדער פון שול־עלטער אַריבערגעגאַנגען אין דער אָרטיקער פאָלקס־שול. פאַר די עלטערע יינגלעך איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ לער־וואַרשטאַט פון סטאָלעריי. פאַר די מיידלעך—אַ שניידעריי־וואַרשטאַט אין בנין פון אינטערנאַט.

די קינדער האָבן אָנטייל גענומען אין פירן די ווירטשאַפט, געאַרבעט אין קיך און וועשעריי ווי אויך געטאָן אַנדערע שוואַרצע אַרבעט.

דער קינדער־אינטערנאַט איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין אַלע הינזיכטן אויף דעם מאָדערנסטן אופן און געווען אַ מוסטער פון אַן אינטערנאַט אין אַ גרעסערע שטאָט. די קינדער זיינען דערצויגן געוואָרן אין אַ היימישער סביבה און באַזאָרגט געוואָרן אין דער פולסטער מאָס.

ג) קינדער־קיך. איינצייטיק מיטן אינטערנאַט איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ דערנערונגס־פּונקט פאַר 160 קינדער, ד. ה. פאַר די איבעריקע קראַנקע, שוואַכע און אָרימע סמאָרגאָנער קינדער, וועלכע האָבן ניט געקאָנט אַריינגענומען ווערן אין אינטערנאַט.

די קינדער פלעגן דאָרט באַקומען אַ זאַטן מיטאָג, וואָס איז באַשטאַנען פון 1 פונט ברויט, אַ חלק פלייש, זופּ און קאַשע. די קינדער זיינען אויך אויסגעקליידט געוואָרן ניט ערגער פון די אינטערנאַט־קינדער.

די קיך־קינדער האָבן זיך געפונען אונטער דער השגחה פון פאַרוואַלטער פון אינטערנאַט. די עלטערע פון זיי זיינען צוגעצויגן געוואָרן צו די פאָרלעזונגען און פאַרוויילונגען. עס איז געלייגט געוואָרן גרויס אַכט אויף דעם געזונט־צושטאַנד, ווי אויך אויף די ריינקייט פון די קינדער.

ד) פאַך־שול. אין אַפּריל 1923 האָט „יעקאָפּאָ“ באַשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט דער געזעלשאַפט „אָרט“ וועגן עפענען אַ סטאָלעריי־וואַרשטאַט פאַר די רעעמיגראַנטן־קינדער אין סמאָרגאָן. לויטן אָפּמאַך האָט דער וואַרשטאַט 1) געדאַרפט עקסיסטירן פון אָנדערטהאַלבן ביז 2 יאָר צייט בהסכם מיט דער פּעולה פון דער אַרבעט, 2) די געזעלשאַפט „אָרט“ דאַרף טראָגן די אחריות פאַר אים און ערפילן די ווירטשאַפטלעכע און פּעדאַגאָגישע התחייבותן ביזן אַרויסלאָז פון די שילער, 3) „יעקאָפּאָ“ דעקט דעם ביודזשעט פון ערשטן יאָר אין גרויס פון 75 פּראָצ.

„יעקאָפּאָ“ האָט חוץ דעם איבערגעגעבן אין רשות פון דער פאַך־שול דעם אייגענעם הילצערנעם בנין און רעמאָנטירט אים ספּעציעל צו דעם צוועק אויפן אייגענעם חשבון. דער וואַרשטאַט האָט זיך געפונען אין דעם בנין אין משך פון דער צייט, וואָס עס האָט עקסיסטירט דער אינטערנאַט. ווי דער אינטערנאַט איז ליקווידירט געוואָרן, האָט זיך די פאַך־שול אַריינגעצויגן אין געמויערטן בנין פון אינטערנאַט און פאַרנומען דעם גאַנצן אונטערשטן עטאַזש.

דער וואַרשטאַט האָט עקסיסטירט פון מאַי 1923 ביז דעם 31 דעצעמבער 1924.

פאַר דער צייט האָבן זיך דאָרט אויסגעלערנט סטאָלעריי 35 שילער. די לימודים פלעגן פאָרקומען אין משך פון 7 שעה טעגלעך. דעם ערשטן יאָר זיינען אויך פאָרגעקומען 2 שעה אין טאָג אַלגעמיינע לימודים.

4 שילער האָבן זיך אין דער אַרבעט אַזוי גוט אויסגעצייכנט, אַז נאָך פאַרן טערמין זיינען זיי אָנגעקומען אויף שכירות צו פּריוואַטע בעלי־מלאכות. אייניקע זיינען אָפּגעפאָרן קיין ארץ־ישראל, וואו זיי האָבן זיך איינגעאָרדנט ביי דעם פאַך. די איבעריקע האָבן אויך אויסזיכטן איינצואָרדנען זיך ביי דער מלאכה.

ה) פאָלקס־שול. „יעקאָפּאָ“ האָט זיך אויך פאַראינטערעסירט מיט דער אָרטיקער פאָלקס־שול, וועלכע האָט זיך געפונען אין בית־מדרש אין אַ קלאָגעדיקן צושטאַנד.

ראשית איז איבערגעגעבן געוואָרן אין רשות פון דער פאָלקס־שול אַ בנין פון די געזעלשאַפטלעכע הייזער, וועלכער איז דורך „יעקאָפּאָ“ ספּעציעל אויף דעם צוועק רעמאָנטירט געוואָרן. חוץ דעם איז אַסיגנירט געוואָרן אַ סומע געלט אויף די

אינעווייניקסטע איינריכטונגען, ווי שול־ביינק און מכשירים.

דער ביורזשעט פון דער פאָלקס־שול, וואָס איז געווען אַ באַדייטנדער, איז כמעט אויף 75 פּראָצענט געדעקט געוואָרן דורך „יעקאָפּאָ". די אָרימע קינדער, פאַר וועלכע „יעקאָפּאָ" האָט געצאָלט שכר־לימוד, זיינען באַזאָרגט געוואָרן מיט לער־ביכער און העפטן.

מיטן ליקווידירן דעם אינטערנאַט איז איבערגעגעבן געוואָרן אין רשות פון דער פאָלקס־שול דער אויבערשטער עטאַזש פון בנין.

די טיכטיקסטע מיטאַרבעטער אין סמאָרגאָנער הילפס־קאָמיטעט זיינען געווען דער פאָרזיצער ה׳ יעקב פּערעוואָזקי און דער סעקרעטאַר ה׳ גרשון וויינשטיין.

דער פאַרוואַלטער פון אינטערנאַט איז געווען דער לערער ה׳ טומאַנסקי.

———

סמאָרגאָן איז געווען אַ באַדייטנדער פונקט אין אונזער ראַיאָן, וואו עס איז אָפּגעטאָן געוואָרן זייער אַ גרויסע אַרבעט. ער האָט צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט ניט נאָר פון די מיטאַרבעטער פון „יעקאָפּאָ", וועלכע פלעגן סמאָרגאָן זייער אָפט באַזוכן, נאָר אויך פון די אָנפירער פון יק״א און ד. ד. ק., ווי די ה״ה מאירסאָן, גאָלדע (יק״א), בערנאַרד כהן (הויפּט־דירעקטאָר פון ד. ד. ק.), פּרוינד (אויפבוי־אָפּטיילונג פון ד. ד. ק.), שווייצער, גיטערמאַן, ווערניק (היימלאָזע־אָפּטיילונג פון ד. ד. ק.) און אַנדערע.



סמאָרגאָנער רעפּאַטריאַנטן־קינדער.

## ז.

### גירוש.

מיר מיינען דאָ די גזירה, אַז אַלע פּערזאָנען, אומלעגאַל־געקומענע נאָכן 12 אָקטאָבער 1920, מוזן פאַרלאָזן פּוילן.

די פאַראָרדענונג האָט אַריינגעטראָגן אַ צערודערונג אין הונדערטער פאַמיליעס און ווידער איז „יעקאָפּאָ" געוואָרן אַן אַרענע פאַר פאַרשיידענע דערשיינונגען, וואָס זיינען פאַרבונדן מיטן לעבן פון די אינגיכן צוקינפטיקע היימלאָזע. דער יורידישער אַפּאַראַט האָט ווידער גענומען קלאַפּן און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה פון שאלות ותשובות, אָנווייזונגען, רעגיסטראַציעס וכדומה.

דער גירוש איז דורכגעפירט געוואָרן מיטן גאַנצן חומר הדין. האָט איינער זיך ניט אונטערגעוואָרפן דער פאַראָרדענונג מיט גוטן—פלעגט מען אים פאַרהאַלטן און אַרויסקשין קיין רוסלאַנד, ליטע א. א. מיט צוואַנג. אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם זיינען דורך „יעקאָפּאָ" אָנגענומען געוואָרן אַלע מעגליכע שריט צו פאַרגרינגערן די לאַגע פון די פאַרהאַלטענע, באַפרייען די אומגעזעצליך אַרעסטירטע און אָפּהאַלטן פון אַרויסשיקן די עמיגראַנטן, וועלכע האָבן אַ מעגליכקייט אָפּצופאָרן קיין אַמעריקע און אַנדערע לענדער.

ס׳זיינען דערלאַנגט געוואָרן אין דער ווילנער דעלעגאַטור פאַרשיידענע מעמאָראַנדומס און ס׳זיינען דערוועקט געוואָרן פּערזענליכע השתדלותן דורך די מיטגלידער פון קאָמיטעט. מען האָט זיך פאַרבונדן מיט די יידישע צענטראַלע אינסטיטוציעס אין וואַרשע, ווי: נאַציאָנאַל־ראַט און אוקראַינער קאָמיטעט, וועלכע האָבן זייער אַ סך אויפגעטאָן פאַר די מגורשים.

אַלס רעזולטאַט האָבן זיך באַקומען פאַרשיידענע הנחות פאַר די מגורשים און פאַרלייכטערונגען פאַר די עמיגראַנטן, ווי ס׳איז שוין געשריבן וועגן דעם גענויער אין יורידישן באַריכט. דאָ ווילן מיר זיך נאָר אָפּשטעלן אויף דער הילפס־אַקציע פאַר די אַרויסגעשיקטע:

## 1. תמיכה.

די תמיכה, וואָס „יעקאָפּאָ" האָט אַרויסגעגעבן די אַרויסגעשיקטע, האָט זיך אויסגעדריקט אין געלט, קליידונג און דערנערונג.

די אַלע פּערזאָנען, וועלכע זיינען אָפּגעפירט געוואָרן אין די אַרעסט־הייזער ביז מען וועט זיי אַרויסשיקן פון פּוילן, זיינען באַזאָרגט געוואָרן מיט שפּייז. עס האָט זיך באַקומען אַ ספּעציעלע דערלויבעניש פון דער העכערער מאַכט צוצולאָזן מיט עסן די פאַרשטייער פון „יעקאָפּאָ" אין אַלע ערטער, אַריינרעכענענדיק די תפיסות, וואו עס האַלטן זיך אויף די מגורשים.

ביים אַרויסשיקן פלעגן די אַלע פּערזאָנען, וועלכע זיינען געווען מער נויטבאַדערפטיק, באַקומען זאַכן, וועש און אָפּטמאָל אויך שיך.

ח״ץ דעם פלעגט אַרויסגעגעבן ווערן דורך „יעקאָפּאָ" אַ גרעסערע פאַר יענער צייט סומע געלט, בערך 5—7 דאָלאַר אויף אַ נפש.

איינצייטיק איז אויך געגעבן געוואָרן אַ פאַראָרדענונג אין די אָפּטיילונגען פון „יעקאָפּאָ", אַז אַלע מגורשים זאָלן באַזאָרגט ווערן מיט דערנערונג, קליידונג און בערך 5 דאָלאַר אויף אַ פּערזאָן. די געלט־שטיצע אויף רעעוואַקואַציע איז געוואָרן מעגלעך צו געבן אַדאַנק דעם אָפּמאַך פון 25 מאַי 1923 מיטן פאָרשטייער פון יק״א ה׳ ש. יאַנאָווסקי, וועלכער האָט באַזוכט ווילנע און האָט זיך דאָ גרינטליך באַקאַנט מיט דער לאַגע און מיט דער אַרבעט פון „יעקאָפּאָ".

## 2. עמיגראַנטן.

די חלוצים־היימלאָזע, ווי אויך די עמיגראַנטן קיין אַרגענטינע, האָבן זיך ניט פאַרלאָזן אויף גליקן—ערנסט געטראַכט וועגן אויסלענדישע פּעסער און גענומען קלייבן זיך אין וועג אַריין. איין מניעה איז אָבער געווען—געלט אויף הוצאות־הדרך.

לויט דעם אויבן־אָנגערופענעם אָפּמאַך מיט יק״א האָט זיך אויך באַקומען אַ מעגליכקייט אַרויסצוהעלפן אין דער דאָזיקער הינזיכט: „יעקאָפּאָ" פלעגט אַרויסגעבן די עמיגראַנטן באַטרעפנדע בריוו צו יק״א אין וואַרשע, וועלכע פלעגט באַפרידיקן זייערע בקשות. די חלוצים האָט „יעקאָפּאָ" באַזאָרגט מיט אַ געהעריקער סומע אויף הוצאות אין ווילנע גופא.

## 3. באַנייטע אָפּטיילונגען.

נאָך מיט אַ צייט פריער, איידער עס האָט זיך אָנגעהויבן די פאַקטישע אַרויסשיקונג, איז דורך „יעקאָפּאָ" אויסגעאַר־

בעת געוואָרן אַ גענויער פּלאַן פון עפענען פון דאָס ביי די אָפּטיילונגען, וועלכע זיינען שוין פאַרמאַכט געוואָרן, כדי צו באַזאָרגן מיט שפּייז און געלט-שטיצע די דורכגייענדע טראַנספּאָרטן אַרויסגעשיקטע, ווי אויך אָרגאַניזירן נייע אָפּטיילונגען, אויב מען וועט זיך נויטיקן אין דעם.

היות ווי דער מאַרשרוט איז געווען מאָלאָדעטשנע—ראַדאָשקאָוויטש איז פאַרלויפיג באַנייט געוואָרן די טעטיקייט פון די אָפּטיילונגען אין די ביידע פונקטן. שפּעטער איז צוגעקומען אַ דריטע אָפּטיילונג אין גלובאָקע, פאַר די מאַסן אַרויסגעשיקטע אין שטאָט און סביבה.

די אָפּטיילונגען אין מאָלאָדעטשנע און גלובאָקע האָבן זיך פאַרנומען אויסשליסלעך מיט תמיכה, דאַקעגן אין ראַדאָשקאָוויטש איז אויסגעקומען אָפּצוגעבן זיך מיט דעם ענין פון באַזאָרגן מיט פורן צו דער גרעניץ און צוריק פון גרעניץ. די ערשטע טראַנספּאָרטן זיינען ניט צוגענומען געוואָרן פון דער סאָוועטישער מאַכט און דעריבער זיינען זיי אָפּגעשיקט געוואָרן צוריק קיין מאָלאָדעטשנע אין קאָנצענטראַציע-פונקט.

## 4. באַפולמעכטיקטע.

כדי צו האָבן אַ קלאָרן בילד וועגן דער לאַגע פון די אַרויסגעשיקטע האָט „יעקאָפּאָ" דעלעגירט אַ ספּעציעלן באַפולמעכטיקטן קיין מאָלאָדעטשנע. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די מגורשים, וועלכע מען פלעגט, אגב, דאָרט אָפּהאַלטן אַ קורצע צייט ביזן אַוועקשיקן קיין ראַדאָשקאָוויטש, האָבן שטאַרק געליטן. מען האָט זיי באַהאַנדלט ווי אַרעסטאַנטן און ניט צוגעלאָזן צו זיי אפילו קיין עסן.

„יעקאָפּאָ" האָט זיך וועגן דעם געווענדעט אין דעלעגאַטור. די לעצטע האָט טעלעגראַפיש פאַראָרדנט צוצולאָזן די פאָרשטייער פון „יעקאָפּאָ" מיט עסן, ווי אויך לינדערן די באַציאונגען.

אַ צווייטן מאָל איז דעלעגירט געוואָרן אַ באַפולמעכטיקטער קיין גלובאָקע, פון וואַנען עס האָבן זיך באַקומענע ידיעות וועגן פאַרשיידענע שיקאַנעס. דער באַפולמעכטיקטער האָט צוזאַמען מיטן אָרטיקן רב אינטערווענירט ביים סטאַראָסטע, וועלכער האָט צוגעזאָגט צו ערליידיקן לטובה אַלע מיספאַרשטייענישן.

דער באַפולמעכטיקטער פון „יעקאָפּאָ" איז אויך בייגעווען אויפן וואָקזאַל, בשעתן אָפּפאָר פון די פערזאָנען, פאַר וועלכע „יעקאָפּאָ" האָט אויסגעפועלט דורך דעם אוקראַאינער קאָמיטעט אין וואַרשע ערלויבענישן אָפּצופאָרן לעגאַל קיין רוסלאַנד.

### ח.

אָקטאָבער 1923—דעצעמבער 1924.

די צייט קען כאַראַקטעריזירט ווערן אַלס ליקווידאַציע-תקופה—אַלס סיום פון דער היימלאָזע-אַרבעט.

די רעפּאַטריאַציע האָט זיך פאַרענדיגט. די עמיגראַנטן האָט זיך איינגעגעבן נאָך לאַנגע מאַטערנישן אָפּצופאָרן פון פוילן ווייטער אין די לענדער, צו וועלכע זיי האָבן געשטרעבט. די היימלאָזע זיינען אָדער פרייוויליג אַרויסגעפאָרן פון פוילן אָדער זיינען מיט צוואַנג אַרויסגעשיקט געוואָרן פון לאַנד. די רעגירונגס-אַנשטאַלטן אין די גרעניץ-ערטער, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיטן אויפנעמען די צוריקוואַנדערער, האָבן זיך ליקווידירט.

ביי אַזאַ לאַגע האָט זיך דער היימלאָזע-דעפּאַרטאַמענט פון ד. ד. ק. צוריקגעצויגן פון דער אַרבעט און אויך „יעקאָפּאָ" האָט, נאַטירלעך, פאַרקירצט איר טעטיקייט, אויף דעם געביט.

„יעקאָפּאָ" האָט דעריבער בטל געמאַכט אַלע אירע פּראָווינציעלע היימלאָזע-ביוראָען, איבערגעבנדיק די אַרבעט די קהילות און קאָמיטעטן—און איז געבליבן נאָר ביי איר צענטראַלער היימלאָזע-אָפּטיילונג.

אין משך פון דער צייט זיינען באַזאָרגט געוואָרן מיט געלט-שטיצע, הלוואות אויף איינצואָרדנען זיך, יורידישע-הילף, מעדיצינישע-הילף, קליידונג און וועש אַלע היימלאָזע און רעעמיגראַנטן, וועלכע האָבן זיך געווענדעט נאָך דעם אין „יעקאָפּאָ".



פיל איז אויסגעקומען אָפּצוגעבן זיך מיט די מגורשים פון ליטע—אַ פּראָצעס, וואָס האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט ביז איצט.

עס איז אויסגעהאַלטן געוואָרן פולשטענדיק דער אינטערנאַט אין סמאָרגאָן. עס זיינען אויך פּאָזיטיוו דערליידיקט געוואָרן די בקשות פון די חלוצים.

דעם 7 מערץ 1923 איז דורך „יעקאָפּאָ" צוגעשטעלט געוואָרן אין ד. ד. ק. אַ גרינדלעכער ליקווידאַציע-פּראָיעקט. אין וועלכן עס זיינען פאָראויסגעזען געוואָרן די אויבנדערמאָנטע פּאָזיציעס. די אָנפירער פון ד. ד. ק. אין פוילן און באַזונדערס ה׳ בערנאַרד כהן—דער דירעקטאָר אין אייראָפּע—האָבן זיך באַצויגן פּאָזיטיוו צום עצם געדאַנק און באַפרידיקט אין דעם גרעסטן טייל די בקשה.

* * *

מיר האַלטן זיך דאָ אָפּ פון געבן אַן אַלגעמיינע אָפּשאַצונג פון דער געשילדערטער טעטיקייט פון „יעקאָפּאָ". זאָלן דאָס טאָן אַנדערע, דער עיקר די טויזנטער רעעמיגראַנטן אין די געוועזענע חרובע שטעטלאַך. מיר האָבן נאָר איבערגעגעבן וועגן דער עצם אַרבעט.

ס׳דאַרף, אָבער, באַטאָנט ווערן, אַז „יעקאָפּאָ" האָט געלייגט אַלץ מער און מער געוויכט אויף דער קאָנסטרוקטיווער זייט פון דער הילפס-אַקציע און דאָס האָט זיך אויך איינגעגעבן.

מיט 10 יאָר צוריק האָט „יעקאָפּאָ" באַגלייט די היימלאָזע אין ווייטן, שווערן וועג אַריין. אַלץ האָט זיך דאַן קאָנצענטרירט אַרום דער תמיכה—אויפהאַלטן און דערהאַלטן ביים לעבן. דיזעלבע „יעקאָפּאָ", נאָר געבויט אויף אַנדערע געזעלשאַפטליכע יסודות, נעמט אויף אין צען יאָר אַרום דיזעלבע היימלאָזע צוריק און פילט זיך גליקלעך, וואָס זי קען ווידמען אירע מיטלען און מעגלעכקייטן אויף אַ מער פּראָדוקטיוון אופן—העלפן שאַפן אַ מענשלעכע לעבנס-עקזיסטענץ פאַר צענדליקער טויזנטער רעפּאַטריאַנטן.

# סטאַטיסטישע ידיעות וועגן די היימלאָזע און רעפּאַטריאַנטן, וועלכע האָבן באַקומען שטיצע פון געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ“, פאַר די יאָרן 1919—1924.

## טאַבעלע № 1

### אַלגעמיינע צאָל רעפּאַטריאַנטן און היימלאָזע.

| יאָרן | ס״ה פּערזאָן | |
|---|---|---|
| 1919—1921 | 18549 | |
| 1922 | 8759 | |
| 1923 | 2396 | |
| 1924 | 164 | |
| | 29868 | |
| רעגיסטרירט אין די יאָרן 1923—24 אָן גענויערע סטאַטיסטישע ידיעות . . . | 902 | |
| בס״ה האָבן באַקומען הילף אין „יעקאָפּאָ“ פאַר די 6 יאָר | 30770 | היימלאָזע און רעפּאַטריאַנטן |

## טאַבעלע № 2

### די פּראָצענטועלע פאַרהעלטעניש פון דער אַלגעמיינער צאָל היימלאָזע און רעפּאַטריאַנטן לויט דער באַשעפטיגונג.

| | | צאָל | % |
|---|---|---|---|
| 1 | האַנטווערקער, אַרבעטער און אָנגעשט. | 5452 | 17.7 |
| 2 | הענדלער און קרעמער . . . | 1576 | 5.1 |
| 3 | פרייע פּראָפעסיעס . . . . . | 1203 | 3.9 |
| 4 | לערן-יוגנט . . . . . . . | 1000 | 3.25 |
| 5 | אָן באַשטימטע פּראָפעסיעס . . | 12276 | 39.9 |
| 6 | קינדער . . . . . . . . | 8361 | 27.2 |
| 7 | ניט אָנגעוויזן זייער באַשעפטיגונג . | 902 | 2.95 |
| | ס״ה . . . | 30770 | 100 |

## טאַבעלע № 3

### צאָל רעפּאַטריאַנטן און היימלאָזע באַזונדער.

יאָר 1922

| № | חדשים | צאָל היימלאָזע | צאָל רעפּאַטריאַנטן | ס״ה |
|---|---|---|---|---|
| 1 | מערץ . . . . | 181 | 585 | 766 |
| 2 | אַפּריל . . . . | 231 | 490 | 721 |
| 3 | מאַי . . . . | 150 | 909 | 1059 |
| 4 | יוני . . . . | 158 | 768 | 926 |
| 5 | יולי . . . . | 181 | 763 | 944 |
| 6 | אויגוסט . . . . | 131 | 679 | 810 |
| 7 | סעפּטעמבער . . | 140 | 834 | 974 |
| 8 | אָקטאָבער . . | 93 | 366 | 459 |
| 9 | נאָוועמבער . . | 108 | 470 | 578 |
| 10 | דעצעמבער . . | 117 | 423 | 540 |
| | ס״ה . | 1490 | 6287 | 7777 |
| | % | 19,1 | 80,9 | 100 |

יאָר 1923

| №№ | חדשים | צאָל היימלאָזע | צאָל רעפּאַטריאַנטן | ס״ה |
|---|---|---|---|---|
| 1 | יאַנואַר . . . . | 109 | 295 | 404 |
| 2 | פעברואַר. . . | 24 | 183 | 207 |
| 3 | מערץ . . . . | 55 | 204 | 259 |
| 4 | אַפּריל . . . . | 81 | 241 | 322 |
| 5 | מאַי . . . . | — | 225 | 225 |
| 6 | יוני . . . . | — | 240 | 240 |
| 7 | יולי . . . . | — | 188 | 188 |
| | ס״ה . | 269 | 1576 | 1845 |
| | % | 14,6 | 85,4 | 100 |
| | בסך-הכל אין 17 חדשים פון די יאָרן 1922—1923 | 1759 | 7863 | 9622 |
| | % | 18,3 | 81,7 | 100 |

באַמערקונג: אין די אָנגערופענע 17 חדשים פון די יאָרן 1922—1923 איז געפירט געוואָרן אַ ספּעציעלע סטאַטיסטיק פון די היימלאָזע באַזונדער און פון די רעפּאַטריאַנטן באַזונדער.

## טאַבעלע № 4

### פּראָפעסיאָנעלער באַשטאַנד פון די היימלאָזע און רעפּאַטריאַנטן.

| יאָרן | האַנטווערקער אַרבעטער אָנגעשטעלטע | הענדלער און קרעמער | פרייע פּראָפעסיעס | לערן-יוגנט | סך-הכל | אָן באַשטימטע פּראָפ., פרויען און אַלטע לייט | קינדער | ניט אָנגעגעבן זייער באַשעפטיגונג | ס״הכל | אַלגעמיינער ס״הכל |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1919—1921 | 3319 | 919 | 678 | 395 | 5311 | 8506 | 4732 | | 13238 | 18549 |
| 1922 | 1705 | 577 | 328 | 456 | 3066 | 2860 | 2833 | | 5693 | 8759 |
| 1923 | 392 | 74 | 186 | 136 | 788 | 862 | 746 | | 1608 | 2396 |
| 1924 | 36 | 6 | 11 | 13 | 66 | 48 | 50 | 902 | 1000 | 1066 |
| סך-הכל | 5452 | 1576 | 1203 | 1000 | 9231 | 12276 | 8361 | 902 | 21539 | 30770 |

טאַבעלע № 5

## די פּראָצענטועלע פאַרהעלטעניש פון די באַשעפ־טיגונגען פון די היימלאָזע און רעפּאַטריאַנטן.

| פּראָפעסיע | צאָל | % |
|---|---|---|
| האַנטווערקער, אַרבעטער און אַנגעשטעלטע | 5452 | 59.1 |
| הענדלער און קרעמער | 1576 | 17.1 |
| פרייע פּראָפעסיעס | 1203 | 13 |
| לערן־יונגס | 1000 | 10.8 |
| ס״ה | 9231 | 100 |

טאַבעלע № 7

## איינאָרדענונגס־הלוואות פאַר רעפּאַטריאַנטן.

אויג. 1921—פעוור. 1923

I. אַרויסגעגעבן הלוואות דורך „יעקאָפּאָ״ פון דעם

| פאָנד | משפּחות | נפשות |
|---|---|---|
| ד. ד. ק. | 707 | 3063 |
| לאַנדאָנער אוקר.־קאָמ. | 477 | 1964 |
| איינגעג.זאַמל. | 58 | 183 |
| ס״ה | 1242 | 5210 |

II. באַשעפטיגונג פון די רעפּאַטריאַנטן, וועמען ס׳זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן די הלוואות

| | | |
|---|---|---|
| קליינע סוחרים, הענדלער און קרעמער | 568 | משפּחות |
| האַנטווערקער, אַרבעטער און אַנגעשטעלטע | 492 | 〃 |
| פרייע פּראָפעסיעס | 126 | 〃 |
| אומבאַשטימט | 56 | 〃 |
| ס״ה | 1242 | משפּחות |

טאַבעלע № 8

## מ ג ו ר ש י ם

יאָר 1923

I. אַרויסגעגעבן הילף דורך „יעקאָפּאָ״ פון דעם

| פאָנד | משפּחות | נפשות |
|---|---|---|
| יק״אַ | 65 | 155 |
| ד. ק. ק. | 81 | 158 |
| ס״ה | 146 | 313 |

II. ב אַ ש ע פ ט י ג ו נ ג

| | | |
|---|---|---|
| האַנטוו. אַרב. און אַנגעשט. | 42 | |
| סוחרים און הענדלער | 25 | |
| פרייע פּראָפעסיעס | 48 | |
| שילער | 31 | 146 |
| אָן פּראָפעסיע | 34 | |
| פרויען און קינדער | 133 | 167 |
| סך־הכל | | 313 |

III. די מגורשים זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרן פון ווילנע און ווילנער געגנט און זיינען אַרויסגעפאָרן קיין:

| | | |
|---|---|---|
| 1. אוקראַאינע | 53 | משפּחות |
| 2. ווייסרוסלאַנד | 36 | 〃 |
| 3. רוסלאַנד | 18 | 〃 |
| 4. אַרגענטינע | 17 | 〃 |
| 5. ליטע | 9 | 〃 |
| 6. ארץ־ישראל | 8 | 〃 |
| 7. לעטלאַנד | 5 | 〃 |
| סך־הכל | 146 | משפּחות |

טאַבעלע № 6

## געשלעכט פון די היימלאָזע און רעפּאַטריאַנטן.

| | 1919־1921 | 1922 | 1923 | 1924 | ס״ה | % |
|---|---|---|---|---|---|---|
| מענער | 7244 | 2961 | 879 | 58 | 11142 | 37.3 |
| פרויען | 6573 | 2965 | 771 | 56 | 10365 | 34.7 |
| קינדער | 4732 | 2833 | 746 | 50 | 8361 | 28 |
| ס״ה | 18549 | 8759 | 2396 | 164 | 29868 | 100 |

**באַמערקונג:** אין דער טאַבעלע גייען ניט אַריין די 902 פּערזאָן, וועגן וועלכע עס זיינען ניטאָ קיינע גענויערע ידיעות.

טאַבעלע № 9

## אַרויסגעגעבענע זאַכן און פּראָדוקטן פאַר היימ־לאָזע, רעפּאַטריאַנטן (און מלחמה־יתומים).

יאָרן 1919—1924

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| וועש | 1 | העמדער | 11803 | |
| | 2 | אונטערהויזן | 12563 | |
| | 3 | קאָמבלען און סוויטערס | 1995 | |
| | 4 | קינדער־וועש | 6490 | |
| | 5 | קאָלדרעס | 1358 | |
| | 6 | ליילעכער | 2366 | |
| | 7 | כאַלאַטן | 1864 | |
| | 8 | ציכלעך, איינש. און סעניק. | 2158 | |
| | 9 | זאָקן, פּאָר | 15843 | |
| | 10 | פאַרשיידענע אַנד. מינים | 9888 | 66.328 שט. וועש |
| בגדים | 11 | מענער־קאָסטיומען | 3329 | |
| | 12 | פרויען־קאָסטיומען | 2301 | |
| | 13 | קינדער־קאָסטיומען | 5649 | |
| | 14 | מענער־מאַנטלען | 1855 | |
| | 15 | פרויען־מאַנטלען | 1484 | |
| | 16 | קינדער־מאַנטלען | 1791 | |
| | 17 | רעקלעך און בלוזן | 1199 | |
| | 18 | קורטקעס | 805 | |
| | 19 | הויזן | 1364 | |
| | 20 | פאַרשיידענע אַנד. מינים | 974 | 20.751 בגדים |
| שיך | 21 | פעלענע | 15438 | |
| | 22 | הילצערנע | 2941 | 18.379 פּאָר שיך |
| פּראָדוקטן | 23 | מעל | — | 1586 זעק |
| | 24 | פלייש | — | 299 מעסער |
| | 25 | ביסקווים | — | 1078 קעסטלעך |
| | 26 | קאָנדענסירטע מילך | — | 19531 פּישקעס |
| | 27 | רייז | — | $176^{\underline{20}}$ פּוד |
| | 28 | בעבלעך | — | $85^{\underline{32}}$ פּוד |
| | 29 | אייל | — | $561^{\underline{26}}$ פּוד |
| | 30 | זייף | — | $311^{\underline{30}}$ פּוד |

פ. אנטאָוויל

# עמיגראַציע



## דער כאַראַקטער פון דער אַרבעט.

די עמיגראַציע-אַרבעט פון „יעקאָפּאָ“ האָט זיך אָנגעהויבן אין יאָר 1920, איידער ס'איז געגרינדעט געוואָרן דער „היאַס“ אין פּוילן. די עמיגראַציע-נויט, ווי אויך די מעגליכקייטן פאַר צענדליקער טויזנטער אַריינצודרינגען אין די פאַראייניקטע שטאַטן און טיילווייז אין אַנדערע לענדער, די קאַטאַסטראָפאַלע לאַגע פון די יידן אין רוסלאַנד, וועלכע פלעגן קומען קיין פּוילן, כדי פון דאַנען צו פאַרבינדן זיך מיט זייערע קרובים אין אַמעריקע און באַקומען פון זיי „אַפידעוויטן“ מיט געלט אויף צו פאָרן צו זיי,—דאָס אַלץ האָט צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון „יעקאָפּאָ“, וועלכע האָט שוין צו יענער צייט געהאַט אָרגאַניזירט אַ פאַרצווייגטע הילפס-אַרבייט פאַר היימלאָזע בכלל און האָט זיך אויך פאַראינטערעסירט מיטן שווערן גורל פון יידישן עמיגראַנט. אויף אַזאַ אופן איז „יעקאָפּאָ“ געוואָרן די ערשטע אין פּוילן געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז עוסק אויפן געביט פון עמיגראַציע.

ווען שפּעטער האָט זיך אָרגאַניזירט אין פּוילן דער „היאַס“, האָט זיך „יעקאָפּאָ“ גלייך פאַרבונדן מיט אים און אויף אַזאַ אופן האָט דער לעצטער ניט געעפנט אין ווילנע קיין זעלבסטשטענדיקע אָפּטיילונג, ווי ער האָט דאָס געטאָן אין גאַנץ פּוילן, און האָט איבערגעגעבן די גאַנצע אַרבעט דער עמיגראַציע-אָפּטיילונג פון „יעקאָפּאָ“ פאַר דער שטאָט ווילנע און ווילנער געגנט.

די עמיגראַציע איז תמיד געווען קאָמפּליצירט און פאַרבונדן מיט אַ סך שוועריקייטן און פאָרמאַליטעטן. אָבער אין די לעצטע יאָרן איז זי געוואָרן נאָך קאָמפּליצירטער און וואָס ווייטער זיינען אַלץ געוואַקסן די פאָרמאַליטעטן און אַלץ גרעסער זיינען געוואָרן די שוועריקייטן. דער עמיגראַנט איז פאַרפּלאָנטערט געוואָרן אין אַ נעץ פון פאַראָרדענונגען, תקנות און ענויים און האָט אָן אַ געזעלשאַפטליכער הילף ניט געקאָנט אויסקומען.

פון דער אַנדער זייט האָט די שווערע ווירטשאַפטלעכע לאַגע נאָך דער מלחמה גורם געווען דערצו, אַז די עמיגראַציע זאָל ווערן איינער פון די גרעסטע רעגוליאַטאָרן פון אונזער עקאָנאָמישן לעבן. זי האָט זיך אָבער געפונען אין אַ כאַאָטישן צושטאַנד. דערהויפּט איז די עמיגראַציע-באַוועגונג געווען גרויס אין דער ריכטונג פון די פאַראייניגטע שטאַטן פון צפון-אַמעריקע און טיילווייז קיין אַרגענטינע. ערשט שפּעטער, ווען די באַגרעניצונגען אויף איינצוואַנדערן זיינען געוואָרן גרויס און דער עיקר אין די פאַראייניגטע שטאַטן, זיינען אין דער עמיגראַציע-טעטיקייט אַריינגעצויגן געוואָרן אויך אַנדערע לענדער, וועלכע פלעגן דורך די עמיגראַנטן אויסגענוצט ווערן אַלס טראַנזיט-פּונקטן, ווי קובע, מעקסיקע א. א.

ווען „היאַס“ איז צוגעטראָטן צו אָרגאַניזירן דעם כאַאָטישן צושטאַנד, וועלכער האָט געהערשט אין דער עמיגראַציע, האָט אַרום דעם עמיגראַנט געשווירבלט און געגריבלט מיט הונדערטער אַגענטן און זייער אָפּט אויך מיט „רעלעגאַטן“, אַראָפּגעקומענע פון אַמעריקע, און פאַרשיידענע אַנדערע מאַכערס, וועלכע פלעגן אויף יעדן שריט באַשווינדלען דעם עמיגראַנט.

אויפן חשבון פון דער עמיגראַציע און די הילפס-געלטער האָבן אויך שטאַרק ספּעקולירט פאַרשיידענע פּריוואַטע בייגק, וועלכע פלעגן אויסצאָלן די עמיגראַנטן די קרובים-געלטער מיט גרויסע פאַרשפּעטיקונגען אין מאַרקן, בעת יעדער טאָג פלעגט, צוליב דער אַנטווערטונג פון מאַרק, מאַכן אַלץ מער צונישט די דאָלאַרן, וואָס די עמיגראַנטן האָבן געזאָלט באַקומען. גלייכצייטיק האָבן געאַרבעט פאַרשיידענע „פאַרזאָרגערס“, וועלכע פלעגן פאַרשפּרייטן צווישן דעם לייכטזיניקן עמיגראַנטן-עולם פאַלשע אינפאָרמאַציעס.

„היאַס“ האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו באַקעמפן דעם דאָזיקן געפערליכן מצב און צו קאָנצענטרירן דעם גאַנצן וואַנדערונגס-שטראָם אין זיינע הענט. די עמיגראַציע-אָפּטיילונג פון „יעקאָפּאָ“ האָט אין פאַרבינדונג מיט „היאַס“ אויסגעאַרבעט פאָלגנדן פּלאַן פון דער אַרבעט:

1) רעגיסטרירן אַלע עמיגראַנטן, ווי אויך די, וועלכע באַקומען, אָדער ווילן באַקומען שטיצע פון זייערע קרובים אין אַמעריקע און אַנדערע לענדער.

2) פאַרבינדן די עמיגראַנטן מיט זייערע קרובים אין אַמעריקע און אויך העלפן אויפזוכן קרובים.

3) אָרגאַניזירן אינפאָרמאַטיווע אָפּטיילונגען וועגן די רייזע-מעגליכקייטן אין פאַרשיידענע לענדער.

4) יורידישע הילף.

5) אינטערווענצן אין פאַרשיידענע קאָנסולאַטן.

6) השגחה אויף די שיפס-געזעלשאַפטן.

7) געלט-זענדונגען.

די אַרבעט האָט גלייך געגעבן גוטע רעזולטאַטן, באַזונדערס אין אונזער געגנט, וועלכע איז געווען אַדאַנק „יעקאָפּאָ“ מער אָדער ווייניקער אָרגאַניזירט אין דער פאָרם פון קהלות, קאָמיטעטן א. א. דורך זיי איז אייגנטלעך דורכגעפירט געוואָרן די גאַנצע רעגיסטראַציע און פאַרבינדונג מיט די קרובים הן פון עמיגראַנטן, והן בכלל פון די פּערזאָנען, וואָס ווענדן זיך נאָך געלט-שטיצע. אין די גרעסערע פּונקטן זיינען ביי די קהלות אָדער קאָמיטעטן געווען טעטיג ספּעציעלע עמיגראַציע-סעקרעטאַריאַטן, וואו ס'פלעגן אויך אַרויסגעגעבן ווערן פאַרשיידענע אינפאָרמאַציעס וועגן עמיגראַציע-ענינים און יורידישע אָנגעלעגנהייטן. די סעקרעטאַריאַטן פלעגן אויך באַדינען די קלענערע פּונקטן פון זייער ראַיאָן.

„יעקאָפּאָ“ אין ווילנע האָט זיך געפונען אין אַ שטענדיקן קאָנטאַקט מיט די פּראָווינציעלע סעקרעטאַריאַטן און האָט זיי כסדר אינפאָרמירט וועגן אַלע נייע געזעצן און ענדערונגען אין די עמיגראַציע-תקנות און האָט אויך אינסטרואירט זייער גאַנצע טעטיקייט בכלל.

## רעגיסטראַציעס.

אין דער באַריכט-צייט האָט די עמיגראַציע-אָפּטיילונג פון „יעקאָפּאָ“ רעגיסטרירט אין ווילנע און אין דער פּראָווינץ און דורך דעם פאַרבונדן מיט זייערע קרובים 10326 משפחות-פּאַציענטן. יעדער רעגיסטרירטער ראש המשפחה האָט באַקומען זיין „קייס“-נומער, לויט וועלכן ער פלעגט שפּעטער קענען באַקומען די דערהאַלטענע פאַר אים געלט, אַפידעוויטן, בריוו א. א. וו. פון די 10326 משפחות-פּאַציענטן זיינען אויף דער פּראָווינץ דורך אונזערע סעקרעטאַריאַטן אָדער אינסטרוקטאָרן רעגיסטרירט געוואָרן אויף די ערטער 3324 משפחות לויט דער פאָלגענדער טאַבעלע:

| שטאָט | משפחות |
|---|---|
| גלובאָקע און געגנט. . . . | 494 |
| לידע . . . . . . | 465 |
| מאָלאָדעטשנאָ . . . . | 341 |
| ראַקאָוו . . . . . | 135 |
| ראַדאָשקאָוויטש . . . . | 120 |
| טראָק . . . . . . | 214 |
| ווילייקע . . . . . | 189 |
| נײַ-סווענציאַן . . . . | 161 |
| סווענציאַן . . . . . | 230 |
| אָשמענע. . . . . . | 115 |
| וואָלאָזשין . . . . . | 135 |
| דוגילאָוויטש . . . . . | 45 |
| ווידז . . . . . . | 65 |
| בראַסלאַוו . . . . . | 85 |
| ראַקשין . . . . . . | 120 |
| סמאָרגאָן . . . . . | 145 |
| פאָדבראָדז . . . . . | 30 |
| פאַרשיידענע אַנדערע פּונקטן . | 235 |
| בסך-הכל — | 3324 |

אויסער דעם זיינען פיל פּראָווינציעלע רעגיסטרירט געוואָרן אין ווילנע, איידער די פּראָווינציעלע אָפּטיילונגען זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן. אויך שפּעטער פלעגן די פּראָווינציעלע זייער אָפט רעגיסטרירט ווערן אין ווילנע, אויב דער עמיגראַנט פלעגט זיך פריער ווענדן קיין ווילנע, אָדער בעת ער פלעגט באַקומען אין ווילנער ביוראָ געלט, צוגעשיקטע פון די קרובים. אויף אַזאַ אופן ווייזט די אַלגעמיינע סטאַטיסטיק, אַז ביז 60 פּראָצ. זיינען רעגיסטרירט פון געגנט און 40 פּראָצ. פון שטאָט.

די ציפער פון דער רעגיסטראַציע זאָגן שוין אַליין עדות מיט וואָס פאַר אַ צוטרוי דער עמיגראַנט האָט זיך אָנגעהויבן צו באַציען צו דעם געזעלשאַפטליכן אופן פון אונזער אַרבעט. ער פלעגט קומען צו אונז מיט אַלע זיינע קלאָגן און וועגן אַלע מעגלעכע אינפאָרמאַציעס. ער האָט זיך צוגעוויינט צו ווענדן זיך צו אונז אויך אין יענע פאַלן, ווען אַ געוויסע שיפס-געזעלשאַפט אָדער אַ פאַרזאָרגער פלעגן אים פריער אינפאָרמירן. דער עמיגראַנט פלעגט אין גרעסטן טייל פאַלן קומען די דאָזיקע ידיעות דורכקאָנטראָלירן צו אונז.

## אַפּידעוויטן, בריוו און דעפּעשן.

אין דער באַריכט-צייט האָט אונזער עמיגראַציע-אָפּטיילונג באַקומען 2068 אַפּידעוויטן פאַר עמיגראַנטן אין ווילנע און געגנט, דערביי זיינען אין די גרעסערע פּראָווינציעלע פונקטן די אַפּידעוויטן אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך אונזערע אָרטיקע סעקרעטאַריאַטן אָדער קאָמיטעטן.

פאַר די 5 יאָר טעטיגקייט האָבן מיר דערהאַלטן פון „היאַס" ניו-יאָרק, „היאַס" וואַרשע און אַנדערע „היאַס"-אָפּטיילונגען, געזעלשאַפטליכע אַנשטאַלטן און פּריוואַטע פּערזאָנען איבער 7450 בריוו און דעפּעשן; די עמיגראַנטן פון אונזער געגנט האָבן דורך אונזער פאַרמיטלונג דערהאַלטן 1964 בריוו פון זייערע קרובים. די בריוו אין פּראָווינץ פלעגן פון דער ווילנער ביוראָ איבערגעשיקט ווערן צו די אָרטיקע קאָמיטעטן. דער גרעסטער טייל פון דערהאַלטענע אויף אונזער אַדרעס פּריוואַטע בריוו באַציט זיך אויף די היימלאָזע עמיגראַנטן און רעעמיגראַנטן, וועלכע האָבן ניט געהאַט קיין שטענדיקן אַדרעס און האָבן זייערע קרובים געבעטן די בריוו מיט די „אַפּידעוויטן" א. א. דאָקומענטן אַדרעסירן אויף „יעקאָפּאָ". מיר האָבן פאַר דער צייט אָפּגעשיקט 7469 בריוו און איבער 800 דעפּעשן.

## קרובים-זוכערס.

מיר האָבן זיך אויך פאַרנומען מיטן אויסזוכן קרובים דורכן „היאַס" אין די פאַראייניקטע שטאַטן און דורך אַנדערע געזעלשאַפטן אין די איבעריקע לענדער. בס"ה האָבן מיר איבערגעשיקט אַזעלכע זוכער-בויגענס 2241. די צאָל אויסגעפונענע קרובים איז אָבער געווען ניט באַדייטענד. פאַרשיידענע קאָמיטעטן פון צפון-און דרום-אַמעריקע, אַפריקע א. א. האָבן, פאַרקערט, דורך אונזער פאַרמיטלונג אויסגעפונען פּערזאָנען אין ווילנע און אויף דער פּראָווינץ אויף די זוכער-בויגענס, וועלכע זיי האָבן אונז צוגעשיקט. אַ סך קרובים האָט „יעקאָפּאָ" אויפגעזוכט לויט די אָנקעטע-בויגענס פון כאַרבינער קאָמיטעט. דאָ האָט זיך געהאַנדלט וועגן פּערזאָנען, וואָס זיינען דורך דער מלחמה פאַרוואָגלט געוואָרן אין די פאַרוואָרפענסטע ווינקעלאַך פון רוסלאַנד. אָפט פלעגט אונז אויסקומען צו ווענדן זיך צו די פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס אָדער „היאַס"-אָפּטיילונגען אין אַנדערע לענדער, ווי ליטע, רומעניע, בעסאַראַביע, לעטלאַנד, כאַרבין א. א. וועגן אַרויסבאַקומען מעטריקעס אָדער אַרכיוו-באַשטעטיקונגען, וועלכע זיינען די עמיגראַנטן געווען נייטיק אויף צוצושטעלן אין די קאָנסולאַטן פון די פאַראייניקטע שטאַטן; אויך מיר פון אונזער זייט האָבן זיך באַמיט אַזעלכע פּאַפּירן פון געבוירענע אָדער תושבים פון אונזער געגנט אָפּצושיקן לויט דער בקשה פון פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס אין אַנדערע לענדער. דער עמיגראַציע-אָפּטיילונג איז אויך אויסגעקומען אין פיל פאַלן צו פאַרבינדן זיך מיט באַטרעפנדע געזעלשאַפטן אין אָנגעלעגנהייטן פון עגונות, ווי, למשל, מיט דער פרויען-שוץ-געזעלשאַפט אין אַמעריקע, וועלכע פלעגט פון איר זייט אין אַזוינע פאַלן אויך זיך ווענדן צו אונז. די עמיגראַציע-אָפּטיילונג האָט אויך געהאַט צו טאָן לויט די ווענדונגען פון די עמיגראַנטן אָדער זייערע קרובים מיט ענינים פון ירושות, גטן וכדומה.

## אינפאָרמאַציעס.

אין משך פון אונזער טעטיגקייט האָבן מיר אַרויסגעגעבן איבער 50000 שריפטלעכע און מונדליכע אינפאָרמאַציעס וועגן די רייזע-מעגליכקייטן אין פאַרשיידענע לענדער. די אינפאָרמאַציעס זיינען שטענדיק געווען דער נייטיקסטער געווער אין דער עמיגראַציע-אַרבעט. מיר האָבן הונדערטער עמיגראַנטן ניט געלאָזט פאַרפירט ווערן פון די פאַלשע ידיעות, וועלכע פלעגן צווישן זיי פאַרשפּרייט ווערן. די כסדרדיקע ענדערונגען אין די עמיגראַציע-תקנות און די פאַרשיידענע קאָמפּליקאַציעס ביים אַרויסבאַקומען אויסלענדישע עמיגראַנטן-פּעסער האָבן געצוואונגען די עמיגראַנטן צו זיין אינפאָרמירט וועגן יעדער קלייניקייט. זיי פלעגן מאַסנהייז קומען אין ביוראָ וועגן די דאָזיקע אַלע ענינים. ווי נאָר ס'פלעגן אונז באַוואוסט ווערן דורך דער צענטראַלע אין וואַרשע געוויסע עמיגראַציע-ענדערונגען פלעגן מיר זיי גלייך קאָמוניקירן אין דער אָרטיקער יידישער פּרעסע און צירקוליאַריש באַקאָנען מיט זיי די סעקרעטאַריאַטן אויף דער פּראָווינץ און די אָרטיקע קהלות און קאָמיטעטן.

נאָך נויטיקער איז די אינפאָרמאַציע-אַרבעט געווען אין יאָר 1923, ווען צוליב די באַגרעניצטע מעגליכקייטן צו עמיגרירן אין די פאַראייניגטע שטאַטן האָבן די עמיגראַנטן אָנגעהויבן צו שטראָמען אין אַנדערע לענדער פון אַמעריקע, ווי קובע, מעקסיקע א. א., באַטראַכטנדיק זיי אַלס טראַנזיט-פונקטן. געוויסע שיפס-געזעלשאַפטן, און אַנדערע פאַקטאָרן, וועלכע זיינען געווען פאַראינטערעסירט אין אַזאַ עמיגראַציע, פלעגן פאַרשפּרייטן פאַבריצירטע, ניט קיין ריכטיקע ידיעות וועגן דעם עקאָנאָמישן און קלימאַטישן צושטאַנד פון יענע לענדער, וועגן דער מעגליכקייט שנעל אָפּצופאָרן פון דאָרט אין די פאַראייניקטע שטאַטן, וועגן די דאָרטיקע לעבנס-באַדינגונגען און פּרנסה-מעגליכקייטן.

מיר האָבן עפּענטליך געוואָרנט די עמיגראַנטן פון אַזוינע פאַרפירערישע קלאַנגען און ידיעות און האָבן וועגן דעם געדרוקט קאָמוניקאַטן אין דער אָרטיקער יידישער פּרעסע און גלייכצייטיק אויך צירקוליאַריש אינפאָרמירט אונזערע פּראָווינציעלע אָפּטיילונגען וועגן דער פאַקטישער לאַגע פון די לענדער. ס'האָט זיך דערהויפּט געהאַנדלט וועגן קובע און מעקסיקע. די עמיגראַנטן האָבן זיך מיטן גרעסטן צוטרוי באַצויגן צו אונזערע מיטטיילונגען און נאָר אין די פאַלן, ווען דער עמיגראַנט האָט געמוזט צו אַ געוויסן טערמין פאַרלאָזן פּוילן און אַנדערשוואו האָט ער ניט געהאַט קיין מעגליכקייט צו עמיגרירן, איז ער געפאָרן אין די אויבנדערמאָנטע לענדער, כדי ערגעץ-וואו דאָך צו אַנטלויפן.

אַ גאַנץ באַזונדערן אָרט פאַרנעמט אין דער הינזיכט אַרגענטינע. אַ גרויסער טייל פון עמיגראַנטן, וועלכע האָבן זיך ניט געקאָנט דערוואַרטן אויף אַ „קאַרטע ווסטעמפּאָ" אָדער געהאַט אַ צו ווייטן טערמין, האָבן אויך דאָס לאַנד אויסגענוצט אַלס טראַנזיט-פונקט. די קלימאַטישע און אויך די עקאָנאָמישע באַדינגונגען

פון אַרגענטינע זיינען מער צוגעפּאַסט פאַר אייראָפּעאישע איינוואוינער און דעריבער האָבן זיי זיך אַ סך לייכטער אַקלימאַטיזירט אין אַרגענטינע און אָפּט אויך איינגעאָרדנט. אויסער דעם זיינען געפאָרן קיין אַרגענטינע ספּעציעלע מינים עמיגראַנטן אין אַ היפּשער צאָל מיטן צוועק דאָרט צו באַזעצן זיך אויף שטענדיק. דאָס זיינען געווען קוואַליפיצירטע אַרבעטער און בעלי־מלאכות און אויך ערד־אַרבעטער. אַזעלכע עמיגראַנטן פלעגן זייער אָפּט פאָרן מיט זייערע משפחות, אָדער אַליין מיטן ציל שפּעטער אָפּצונעמען די משפחות. ס'איז שווער צו זאָגן, ווי ס'האָבן זיך איינגעאָרדנט די עמיגראַנטן, וועלכע זיינען געפאָרן קיין אַרגענטינע דורך אונזער פאַרמיטלונג, דאָך האָט אַ גרויסער טייל פון זיי אָפּגענומען די משפחות, וואָס קען זאָגן עדות, אַז די לאַגע זייערע איז ניט קיין שלעכטע.

די עמיגראַציע אין אַנדערע לענדער איז געווען שוואַכער, טיילווייז צוליב די עמיגראַציע־תקנות, און אויך צוליב דער אויפנאַמס־פעאיקייט פון די לענדער. אַזוי, האָבן קיין קאַנאַדע געקאָנט פאָרן נאָר פאַרקאָנטראַקטירטע ביי פאַרמערס ערד־אַרבעטער אָדער דינסטן און דעריבער איז די צאָל פּעטענטן אויף דעם לאַנד געווען אַ קליינע.

קיין פּאַלעסטינע איז די עמיגראַציע רעגולירט געוואָרן דורך דעם פּאַלעסטינע־אַמט. מיר האָבן זיך בלויז באַנוגנט מיט אַרויסגעבן אינפאָרמאַציעס אָדער יורידישע עצות און פלעגן איבערשיקן די אַנגערופענע פּעטענטן, וועלכע פלעגן זיך צו אונז ווענדן, אין פּאַלעסטינע־אַמט.

## יורידישע אַרבעט, פּעסער און דאָקומענטן.

פון דעם אויבנגעזאָגטן איז קלאָר, אַז אין צענטער פון אונזער גאַנצער עמיגראַציע־טעטיקייט פאַר די פאַרגאַנגענע יאָרן, אויסער דעם לעצטן, זיינען געשטאַנען די פאַראייניקטע שטאַטן. אַזוי ווי פאָרן האָבן געקאָנט לויט די תקנות נאָר קרובים, און דאָס וואָס ווייטער אַלץ באַגרעניצטערע קאַטעגאָריעס,— גרעסטנטייל אַ פּאַסיווע, אָפּגעשטאַנענע און הילפלאָזע מאַסע,—האָבן מיר זיך ניט געקאָנט באַנוגענען בלויז מיט אינפאָרמאַציע אַליין און האָבן אויף זיך געמוזט נעמען אויך די גאַנצע יורידישע אַרבעט.

ווי נאָר דער עמיגראַנט פלעגט דערהאַלטן אַן אַפידעוויט, פלעגט ער אים אונז איבערגעבן אויף צו מאַכן דעם אויסלענדישן פּאַס. אין דער ערשטער תקופה פון דער עמיגראַציע פלעגט מען פּעסער אַרויסגעבן פריי אפילו צו די ווייטסטע קרובים, שפּעטער, אָבער, ווען צענדליקער טויזנטער עמיגראַנטן אין די פאַראייניגטע שטאַטן זיינען געבליבן מיט פּעסער אויף די הענט, האָבן די סטאַראָסטוועס ערשט דאַן באַפרידיקט די בקשה פון עמיגראַנט, אויב דער „אורזשאָנד עמיגראַציייני" האָט דעם אַפידעוויט קוואַליפיצירט אַלס אַ געהעריקן צו דער קאַטעגאָריע, וועלכע קען באַקומען די וויזע. אויף אַזאַ אויפן האָבן מיר אָפּגעשיקט צום „אורזשאָנד עמיגראַציייני" איבער 800 אַפידעוויטן צום שטעמפּלען.

פאַר די פינף יאָר אַרבעט האָבן מיר אין ווילנע אַליין אַרויסבאַקומען פאַר די עמיגראַנטן 1160 פּעסער און איבער 400 פּראָלאָנגאַטן. דאָס אַרויסבאַקומען די פּעסער איז געווען זייער קאָמפּליצירט און די מאַסע עמיגראַנטן, וועלכע איז באַשטאַנען דער עיקר פון פרויען און עלטערן (זקנים), וואָלטן אַליין געוויס אינגאַנצן פאַרפּלאָנטערט געוואָרן ביים דערליידיקן די פיל פאָרמאַליטעטן, מיט וועלכע ס'איז פאַרבונדן דאָס אויספאַרטיקן דעם אויסלענדישן פּאַס, ווי דאָס אַרויסבאַקומען די באַשטעטיקונג פון „איזבאַ סקאַרבאָוואַ", די „קאַרטאַ קוואַליפיקאַצינאַ" א. א. וו. א. א. וו.

זעלכן פלעגט דער עמיגראַנט אין דעם האַלב יאָר, אויף וועלכן ס'איז געווען איסגעשטעלט דער פּאַס, באַוויזן אָפּצופאָרן. און כמעט שטענדיק האָט ער אים געמוזט פאַרלייגערן פאָרן גיין צו דער וויזע. פאַר דער צייט פלעגן זיך ענדערן די פּאַס־געזעצן און מען האָט געמוזט צושטעלן אַ גאַנצע ריי נאָר אַנדערע דאָקומענטן, כדי צו באַקומען אַ פּראָלאָנגאַט אָדער אַ נייעם פּאַס.

אויף דער פּראָווינץ פלעגן אונזערע סעקרעטאַריאַטן אָדער קאָמיטעטן מיטהעלפן דעם עמיגראַנט מיט יורידישע עצות, אין אַנדערע ערטער פלעגן די קאָמיטעטן אַליין ווי אין ווילנער צענטראַלע, דערליידיקן אַלע פאָרמאַליטעטן, באַזונדערס אין די גרעניץ־פּונקטן, ווי גלובאָקע, ווילייקע א.א.

פון יאָר 1922 איז דורכן קאָנסולאַט איינגעפירט געוואָרן אַ ריי־אָרדענונג. ווי נאָר דער עמיגראַנט פלעגט שוין האָבן אויפן האַנט דעם אויסלענדישן פּאַס, פלעגן מיר פאַר אים אויספילן אַ ספּעציעלע אַפּליקאַציע צום קאָנסול אויף צו באַקומען אַ „קאַרטאַ ווסטעמפּו" צו דער וויזע. אַזאַ „קאַרטאַ ווסטעמפּו" פלעגט דער עמיגראַנט דערהאַלטן זייער אָפּט אויף אַ ווייטן טערמין, אַזוי ווייט, אַז ביז ער פלעגט זיך דערוואַרטן דעם גליקלעכן טאָג פון שטעלן זיך צו דער וויזע, פלעגט אים דעריאָגן אַ נייער באַגרענעצונגס־געזעץ.

אָט אין אַזאַ אַטמאָספער פון כסדר'דיקע ענויים און מאַטערנישן זיינען אַוועק די לעצטע פאָר יאָר פון דער עמיגראַציע־אַרבעט.

## יתומים־עמיגראַנטן.

אין די יאָרן 1921—1923 איז געפירט געוואָרן דורכן „היאַס" אַ וויכטיקע אַרבעט פאַר יתומים, וועלכע פלעגן, אין עלטער ביז 14 יאָר, געניסן פון אַ ספּעציעלן געזעץ, לויט וועלכן זיי פלעגן אַריינגעלאָזט ווערן אין די פאַראייניקטע שטאַטן אויסער דער ריי צו זייערע ווייטסטע פריינד און אפילו צו פרעמדע, וועלכע פלעגן זיי אַדאָפּטירן. דער „היאַס" אין וואַרשע פלעגט צוזאַמענשטעלן אַזעלכע גרופּעס יתומים און מיט ספּעציעלע באַגלייטערס אָפּשיקן די טראַנספּאָרטן.

אַזעלכע יתומים אין אַ צאָל פון איבער 100 זיינען אויך אָפּגעפאָרן פון אונזער געגנט, און מיר האָבן אויף זיך געהאַט די פליכט אויסצואַרבעטן פאַר זיי אַלע נויטיקע דאָקומענטן. אין יאָר 1924 האָבן די נייע עמיגראַציע־באַגרעניצונגען אויך אָוועקגערויבט די פּריווילעגיעס פון די מלחמה־יתומים און זיי ווערן באַהאַנדלט צוגלייך מיט אַלע עמיגראַנטן.

## טראַנסעמיגראַנטן.

אַ באַזונדער קאַפּיטל אין אונזער עמיגראַציע־אַרבעט פאַרנעמט די יורידישע הילף, דער עיקר פאַר די טראַנסעמיגראַנטן. אָנהייבנדיק פון די גרעניץ־סטאַראָסטוועס ביז דער דעלעגאַטור האָבן מיר כסדר געמוזט אינטערווענירן פאַר אַזעלכע עמיגראַנטן, וועלכע פלעגן אַריבער די גרעניץ מיט זייערע אַפידעוויטן פון די אַמעריקאַנער קרובים. זייער פיל איז אויסגעקומען אויסצושטיין הן די עמיגראַנטן והן דער יורידישער און עמיגראַציע־אָפּטיילונג ביז ס'איז געלונגען אויסצופירן אַ צייטווייליקן וואוינרעכט פאַר זיי אין לאַנד.

דערביי מוז באַטאָנט ווערן די אויסערסט שווערע אַרבעט, וועלכע אונזער אָפּטיילונג האָט דורכגעפירט לטובת אַ גרופּע רוסישע היימלאָזע־עמיגראַנטן, איבער 100 מענטשן. נאָכדעם ווי אונז איז געלונגען זיי צו לאָקאַליזירן און אפילו צו באַקומען פאַר זיי אויסלענדישע פּעסער, איז אַרויס די באַקאַנטע פרעמדן־גזירה, לויט וועלכער אַלע פרעמדע האָבן געמוזט פאַרלאָזן פּוילן. דאָך, נאָך אַ גאַנצער ריי השתדלותן אין צענטר האָט זיך איינגעגעבן פאַר די אַלע, וועלכע האָבן געהאַט נומערלאַך צום קאָנסול אויף דער וויזע, אויסצופירן אַ פּראָלאָנגאַט און זיי זיינען אַלע אָפּגעפאָרן צו די קרובים קיין אַמעריקע.

## שיפס-געזעלשאַפטן.

מיר זיינען מיט די שיפס-געזעלשאַפטן ניט געווען דירעקט פאַרבונדן, דאָך האָבן מיר שטענדיק נאָכגעפאָלגט זייער טעטיגקייט און אין געוויסע פאַלן פלעגן מיר וועגן ניט ריכטיקע האַנדלונגען צונויפשרייבן זיך מיט „היאַס“-וואַרשע. אַלע אונזערע אינטערווענצן ביי די אָרטיקע אָפטיילונגען פון די שיפס-געזעלשאַפטן פלעגן זיך ענדיקן מיט ערפאָלג. די אַלע שיפס-קאַנטאָרן האָבן באַטראַכט אונזער עמיגראַציע-אָפטיילונג אַלס די איינציקע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציע און פלעגן זיך דעריבער מיט דרך-ארץ באַציען צו אונזערע אָנמערקונגען און פלעגן אַליין זען אויסצומיידן מעגלעכע קאָנפליקטן.

## קרובים-געלטער.

איינער פון די וויכטיקסטע טיילן פון דער „היאַס“-אַרבעט זיינען געווען בלי שום ספק די געלט-איבערווייזונגען. ס'זיינען דערמיט באַקעמפט געוואָרן די ספעקולאַציע-טענדענצן פון די ביינק, וועלכע פלעגן צוליב דער דעוואַלוואַציע איבערגעבן די עמיגראַנטן גראָשנס אָנשטאָט דאָלאַרס. „היאַס“ האָט מיט די דאָלאַר-אויסצאָלונגען אויפגעהיט די געלטער פון די עמיגראַנטן און גלייכצייטיק איז דערמיט דערגרייכט געוואָרן אַ צווייטע וויכטיקע ערשיינונג, וואָס דורך דאָס געלט פלעגט דער עמיגראַנט פאַרבונדן ווערן מיט דער עמיגראַציע-אָפטיילונג. דורכדעם איז געוואָרן מעגליך אַכטונג צו געבן אויף דעם עמיגראַנט און ניט לאָזן אים פאַרפירט ווערן דורך פאַרשיידענע „אַגענטן“ און „סאַכרס“, ווי אויך אינפאָרמירן אים וועגן די כסדר'דיקע ענדערונגען אין די עמיגראַציע-תקנות, צו וועלכע דער עמיגראַנט האָט זיך באַדאַרפט צופאַסן. אַדאַנק דעם גרויסן צופלוס פון איבערווייזונגען צום „היאַס“ זיינען אויך געוואָרן פינקטלעכער די פריוואַטע ביינק, וועלכע האָבן שפעטער אויך גענומען אויסצאָלן אין דאָלאַרן. די קאָנצענטרירונג פון די עמיגראַציע-געלטער אין „היאַס“ האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף דעם, אַז דעם „היאַס“ זאָל געלינגען צו דריקן אויף די פרייזן פון די שיפס-קאַרטן און צווינגען די שיפס-געזעלשאַפטן צו פאַרקלענערן די פרייזן.

אַדאַנק דער פאַרצווייגטער טעטיגקייט פון „יעקאָפאָ“ אויף דער פראָווינץ איז געלונגען אין אַ קורצער צייט צו אָרגאַניזירן די געגנט אַזוי, אַז פראָצענטועל האָט דער „יעקאָפאָ“-ראַיאָן פאַרנומען ניט נאָר דער ערשטן אָרט, נאָר אפשר בכלל דעם דאָמינירנדיקן אָרט צווישן די „היאַס“-אויסצאָלונגען אין גאַנץ פוילן.

תחילת, ווען די עמיגראַציע איז געווען אַ גרעסערע און ווען דורך פוילן איז אויך געגאַנגען די טראַנסעמיגראַציע זיינען די איבערגעוויזענע סומעס געווען גרעסערע. צוזאַמען מיט די באַגרענעצונגען אין דער עמיגראַציע, הויבן אָן צו ווערן קלענער די אויסגעצאָלטע געלט-סומעס, ווייל די עמיגראַנטן פלעגן באַקומען גרעסערע סכומים אויף רייזע-הוצאות. גלייכצייטיק, אָבער, ווערט פאַרגרעסערט די צאָל פעטענטן, וועלכע פלעגן דורך „היאַס“ קריגן געלט-שטיצע פון די קרובים. אויף אַזאַ אויפן האָבן זיך די סכומים פאַרקלענערט, די צאָל פעטענטן, פאַרקערט, געהעכערט. די פאָלגענדע טאַבעלע ווייזט די אַנטוויקלונג פון די געלט-אויסצאָלונגען, וועלכע „היאַס“ האָט איבערגעשיקט דורך דער עמיגראַציע-אָפטיילונג פון „יעקאָפאָ“ פאַר ווילנע און געגנט פון ערשטן טאָג אָן ביז לעצטן, ד. ה. פון 16 נאָוועמבער 1921 ביזן 15-טן יולי 1924:

| יאָרן | דאָלאַר | בס״ה דאָל. |
|---|---|---|
| **1921** | | |
| פון 16-טן נאָוועמבער ביזן 1 דעצעמבער | 815 | |
| דעצעמבער | $7426^{68}$ | $8,241^{68}$ |
| **1922** | | |
| יאַנואַר | 21525 | |
| פעברואַר | 28016 | |
| מערץ | 25128 | |
| אַפריל | 37245 | |
| מאַי | 29318 | |
| יוני | 33788 | |
| יולי | 32662 | |
| אויגוסט | 19367 | |
| סעפטעמבער | 17716 | |
| אָקטאָבער | 32486 | |
| נאָוועמבער | 35499 | |
| דעצעמבער | 29162 | 341,912 |
| **1923** | | |
| יאַנואַר | $20188^{71}$ | |
| פעברואַר | $29753^{81}$ | |
| מערץ | $25825^{15}$ | |
| אַפריל | $34026^{84}$ | |
| מאַי | $33084^{75}$ | |
| יוני | $19231^{66}$ | |
| יולי | $15479^{67}$ | |
| אויגוסט | $15508^{73}$ | |
| סעפטעמבער | $16040^{89}$ | |
| אָקטאָבער | $21744^{32}$ | |
| נאָוועמבער | $24286^{11}$ | |
| דעצעמבער | $27934^{81}$ | $283,105^{45}$ |
| **1924** | | |
| יאַנואַר | 19672 | |
| פעברואַר | $19752^{79}$ | |
| מערץ | $24741^{14}$ | |
| אַפריל | $23352^{60}$ | |
| מאַי | $30496^{60}$ | |
| יוני | $21663^{77}$ | |
| פון 1-טן ביזן 15-טן יולי | 7917 | $147,596^{30}$ |
| בס״ה פאַר די גאַנצע צייט | | $780,855^{43}$ |



צו דער בייגעלייגטער טאַבעלע דאַרפן מיר צוגעבן פאָלגענדעס: אויב די ירידה פון די געלט-אויסצאָלונגען איז ניט געווען גרויס נאָך דעם, ווי ס'זיינען באַקאַנט געוואָרן די עמיגראַציע-באַגרענעצונגען אין יאָר 1924 און אויב דורך „היאַס“ האָבן אָנגעהויבן צו פליסן שטיצע-געלטער פון קרובים, אַזוי אַז די צאָל פעטענטן איז אין יאָר 1924 געוואַקסן (ז. די סטאַטיסטישע טאַבעלן ווייטער) — איז דאָס דער בעסטער באַווייז פון דער גרויסער פאָפּולאַריטעט, וואָס אונזער אַרבעט האָט באַקומען אין דער גאַנצער געגנט.

מען דאַרף נאָך דערמאָנען די ווייטיקע שטערונגען, וועלכע האָבן געשאַדט דער נאָרמאַלער אַנטוויקלונג פון די געלט-זענדונגען. אַזוי האָט די מאַכט אין יוני 1923 פאַרווערט אויסצוצאָלן אין דאָלאַרן די איבערגעוויזענע געלטער, און דער „היאַס“ איז געווען געצוואונגען אויסצוצאָלן אין פוילישע מאַרקן, לויטן אָפיציעלן טאָג-קורס, דורך טשעקן אויף ביינק. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ גרעסערע אומצופרידנהייט צווישן דער קליענטור, נאָכמער, ווען דער אונטערשייד צווישן דעם אָפיציעלן טאָג-קורס און ניט אָפיציעלן איז געווען אַ באַדייטענדער. זייער שטאַרק האָט מיטגעווירקט צו דער אַלגעמיינער אומצופרידנהייט אויך דער פאַקט, וואָס די פריוואַטע ביינק האָבן די איבערווייזונגען אָנגעהויבן אָפצושיקן קיין פוילן פון דאַנציג און אַנדערע שטעדט אין אויסלאַנד, אין פאַרזיכערטע פאַקעטן אין דאָלאַרן. צוליב די אָנגערופענע אויסערליכע מניעות און אומשטענדן האָבן זיך די געלט-איבערווייזונגען דורך „היאַס“ אָנגעהויבן צו פאַרקלענערן. די גזירה האָט, אָבער, געדויערט ניט לייגנער פון 2 חדשים און אין אויגוסט 1923 האָט שוין דער „היאַס“ צוריק אָנגעהויבן אויסצופירן זיינע צאָלונגען אין דאָלאַרן. די פריווילעגירטקייט פון „היאַס“ קעגן די איבעריקע פריוואַטע ביינק איז דאַן באַשטאַנען אין דעם, וואָס דער עולם האָט ניט געהאַט קיין צוטרוי צו די פאַקעטן, און צוליב שוועריגקייטן אויף פאָסט, געזוכט אַליין צו באַקומען זייער געלט דורכן „היאַס“.

אין אַלגעמיין דאַרף צוגעגעבן ווערן, אַז אַרום דעם „היאַס“ האָבן זיך קאָנצענטרירט די אַלע מאַסן פעטענטן, וועלכע האָבן געהאַט אַ גרויסן צוטרוי צו דער געזעלשאַפטלעכקייט פון אונזער אַרבעט און האָבן זיך אין אונזער אינסטיטוציע געפילט באַקוועם און היימיש אין פולן הסכם מיט דער טובה פון זייערע אינטערעסן.

די פראָווינציעלע פלעגן ניט אָפט ספעציעל פאָרן קיין ווילנע אָפצונעמען

דאָס געלט. אין די פאַלן, אויב דער פּעטענט האָט ניט געהאַט קיין אַנדערע נויטן אין שטאָט, פלעגט ער דאָס געלט אָפּנעמען דורך אַ צווייטער פּערזאָן מיט אַ באַפולמעכטיקונג, באַשטעטיקט דורך דער שטאָטישער קהלה, קאָמיסעט אָד״ר רבי און קיינע שום מיספאַרשטייענישן פלעגן דערביי ניט פאָרקומען, דערהויפּט. ווען „יעקאָפּאָ“ זיינען געווען גוט באַקאַנט די שטעטלשע כלל־טוער, און צוליב די זייער אָפּטע און ענגע באַציאונגען מיט דער פּראָווינץ אויף אַלע אַנדערע געביטן פון הילף און אויפבוי—אויך דאָס רוב פון די פּעטענטן בכלל. אין 1923־טן יאָר, ווען די „היאַס“־צענטראַלע אין וואַרשע האָט בעגרעניצט, צוליב יורידישע טעמים, דאָס אָננעמען באַפולמעכטיקונגען, באַשטעטיקטע ניט פון אַ רעיענט אָדער מאַגיסטראַט, האָט די עקזעקוטיווע פון „יעקאָפּאָ“ שטאַרק באַקעמפט די דאָזיקע גזירה, וואָס איז גאָרניט געווען מעגלעך, דורכצופירן אין גרעסטן טייל שטעטלעך שוין ניט ריידנדיק וועגן די הוצאות און אָנווער פון צייט, און ס'איז ווידער אויסגעפועלט געוואָרן, אַז מ'זאָל קענען אויסצאָלן די געלטער אויך דורך יידישע פּאָליטישע מאַכטן און נאָר פאַר גרעסערע סומעס האָט מען געמוזט האָבן נאָטאַריעלע באַשטעטיקונגען. מ'דאַרף אויך דערמאָנען, אַז אין אייניקע גרויסע פונקטן פון אונזער ראַיאָן, ווי לידע א. א., פלעגט „יעקאָפּאָ“ שיקן ספּעציעלע באַפולמעכטיקטע אויסצוצאָלן די געלטער אויף אָן אָרט.

ווי ס'ווייזט די טאַבעלע, איז פאַר די צוויי און דרייפערטל יאָר אויסגעצאָלט געוואָרן 78085.43 דאָלאַר.

אין יולי 1924 זיינען דורכן „היאַס“־וואַרשע פלוצלונג אָפּגעשטעלט געוואָרן די אויסצאָלונגען אויף דער פּראָווינץ אין גאַנץ פּוילן, בתוכם אויך אין ווילנע. די געלט־זענדונגען האָט „היאַס“ פון דאַן אָן איבערגעשיקט אין ווערט־בריוו דורך פּאָסט, וואָס האָט אַרויסגערופן אומצופרידנהייט ביי אונזערע פּעטענטן. ניט ווייניק עמיגראַנטן און אַנדערע פּערזאָנען האָבן אויך ווייטער במילא געמוזט אָנקומען צו אונז, אַז מיר זאָלן פאַר זיי באַקומען דאָס געלט פון וואַרשע, און לויט דער דרינגנדער בקשה פון אַ ט די פּעטענטן,—אַלץ אַזוינע פּערזאָנען, וואָס נויטיקן זיך אַם מערסטן אין הילף און אויפזיכט,—פלעגן מיר באַקומען פאַר זיי דאָס געלט צוגעשיקט אויף אונזער נאָמען.

אויסער דעם האָט דורך דער נייער רע־

סאָרם געליטן דער פריערדיקער ענגער קאָנטאַקט מיט די עמיגראַנטן.

אין צווישנצייט האָט, אָבער, „היאַס“ איבערגעגעבן די גאַנצע עמיגראַציע־אַרבעט דער ניי־געגרינדעטער צענטראַלער יידישער עמיגראַציע־געזעלשאַפט אין פּוילן און איז געבליבן נאָר ביי די געלט־אויסצאָלונגען.

## די אַרבעט נאָך די אימיגראַציע־באַגרעניצונגען.

צום שלוס פון באַריכט מוז אָנגעוויזן ווערן אויף דעם כאַראַקטער, וועלכן די עמיגראַציע־אַרבעט האָט באַקומען אין דער לעצטער העלפט 1924 נאָכדעם, ווי אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע איז אָנטגילטיק אָנגענומען געוואָרן דער „ביל“, וועלכער האָט ביז אַ מינימום באַגרעניצט די איינוואַנדערונגס־מעגליכקייטן פאַר די לענדער, פון וואַנען ס'גייט דער עיקר די יידישע עמיגראַציע. די אימיגראַציע אין די שטאַטן איז נאָך דעם נייעם ביל אַזוי גוט ווי אָפּגעשטעלט.

די אימיגראַציע קיין אַרגענטינע איז אויך פיל שוואַכער געוואָרן צוליב דעם, וואָס די עקאָנאָמישע לאַגע דאָרט איז אַ וואַקלדיקע און די, וועלכע פלעגן באַטראַכטן אַרגענטינע אַלס טראַנזיט־פונקט, האָבן אויפגעהערט צו שטראָמען אַהין. ס'איז אויך געפאַלן צוליב די באַגרענעצונגען די עמיגראַציע אין אַנדערע לענדער. וואָס איז שייך דער עמיגראַציע קיין פראַנקרייך און בעלגיע, וואוהין ס'זיינען אַ־ויסגעפאָרן, דערהויפּט קיין פראַנקרייך, צענדליקער טויזנטער אַרבעטער פון פּוילן—האָט זי כמעט ווי ניט אָנגערירט די יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן. לעצטנס, האָט די יידישע עמיגראַציע־געזעלשאַפט אין פּוילן זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט די געהעריקע יידישע אינסטיטוציעס אין די דערמאָנטע לענדער וועגן דער מעגליכקייט פאַר געוויסע קאַטעגאָריעס יידישע אַרבעטער און בעלי־מלאכות פון עמיגראַציע קיין פראַנקרייך. אויסער איין לאַנד—פּאַלעסטינע—איז ניט צו מערקן קיין עמיגראַציע־שטייגערונג, וואָס איז אויך ניט מעגליך צוליב די עמיגראַציע־באַגרעניצונגען.

אין דעם פּעריאָד פון שווערסטן עקאָנאָמישן קריזיס פון נאָך די מלחמה־יאָרן, וועלכן דאָס פּוילישע יידנטום מאַכט דורך זינט דאָס יאָר 1924, ווען די עמיגראַציע־נויטן וואַקסן פון טאָג צו טאָג, זיינען מיר נאָך אין פּראָצעס פון זוכן און פאָרשן נייע לענדער פאַר דעם יידישן וואַנדערער.



די מאַסן עמיגראַנטן, וועלכע פלעגן פריער קומען אין ביורא נאָך אינפאָרמאַציעס, האָבן פון דער צווייטער העלפט 1924 זיך דערוואוסט פון פאָרויס די תשובה, אַז וואו ס'זאָל ניט אַ וואָרף טאָן די אויג דער יידישער עמיגראַנט, וועט ער פאַר זיך טרעפן פאַרמאַכטע טויערן אין גאָר דער וועלט.

לויט די פּראַקטישע רעזולטאַטן קען דער לעצטער האַלב יאָר 1924 אין אונזער עמיגראַציע־אַרבעט פאַררעכנט ווערן אַלס אַ שטילשטאַנד.

## פּעקלאַך קיין רוסלאַנד.

צו דעם באַריכט דאַרפן נאָך צוגעגעבן ווערן אייניקע ידיעות וועגן דער זייער וויכטיקער הילפס־אַרבעט, וועלכע די עמיגראַציע־אָפּטיילונג פון „יעקאָפּאָ“, אויך אין פאַרבינדונג מיט „היאַס“ אין וואַרשע און מיט דער עקזעקוטיווע פון דער וועלט - הילף - קאָנפערענץ אין פּאַריז, האָט דורכגעפירט דורכן אָרגאַניזירן די איבערשיקונגען פון שפּייז־פּעקלעך פון ווילנע און געגנט פאַר די הונגעריקע אין רוסלאַנד און אוקריינע.

ווען אין 1922־טן יאָר האָט אין רוסלאַנד אויסגעבראָכן דער שרעקליכער הונגער, האָבן פיל געזוכט די מעגליכקייט ווי צו שטיצן זייערע קרובים און פריינד. אַזוי ווי פּראָדוקטן האָבן אין יענער צייט געהאַט אַ גרעסערן ווערט ווי געלט פאַר די הונגעריקע משפחות, צוליב דעם מאַנגל פון פּראָדוקטן אין רוסלאַנד, באַזונדערס אין די גרויסע שטעט, וואו ס'זיינען אייגנטלעך קאָנצענטרירט די יידישע מאַסן, האָט זיך געשטעלט אין דער ערשטער ריי די פראַגע וועגן שיקן אַהין שפּייז.

פאַר די עטלעכע חדשים פון יאָר 1922, ווען די אַקציע איז דורכגעפירט געוואָרן, איז אונז געלונגען איבערצושיקן 587 פּעקלעך, פון זיי זיינען געווען 66 צען־דאָלאַרדיקע דורך דער אַמעריקען רעליעף־אַדמיניסטריישן און 521 פּעקלעך צוויי־אַ האַלב־דאָלאַרדיקע דורך דעם נאַנסן־קאָמיטעט.

שפּעטער האָבן שוין די פּעקלעך לגבי געלט פאַרלאָרן זייער ווערט און כחמת דעם איז די גאַנצע אַקציע איבערגעריסן געוואָרן. זי האָט, אָבער, אין די שווערע הונגער־חדשים אין רוסלאַנד פיל משפחות אָפּגעראַטעוועט פון הונגער־טויט און קען דעריבער פאַררעכנט ווערן אַלס אַ גרויסע הילפס־אַקציע בשעתה.

# סטאַטיסטישע ידיעות וועגן די פאַררעגיסטרירטע פּעטענטן אין עמיגראַציע-אָפּטיילונג פון געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ“ פאַר די יאָרן 1921—1924.

טאַבעלע № 1

אלגעמיינע צאָל פּעטענטן.

| יאָר | משפחות | נפשות |
|---|---|---|
| 1921 | 1150 | 2198 |
| 1922 | 5511 | 15584 |
| 1923 | 1120 | 2372 |
| 1924 | 1101 | 2752 |
| בסך-הכל | 8882 | 22906 |

טאַבעלע № 2

געשלעכט פון די פּעטענטן.

| | 1921 | 1922 | 1923 | 1924 | בסך-הכל |
|---|---|---|---|---|---|
| מענער . . . | 700 | 5470 | 900 | 919 | 7989 |
| פרויען . . . | 965 | 6582 | 1083 | 1191 | 9821 |
| | | | | | 17810 |
| קינדער (ביז 14 יאָר) | 533 | 3532 | 389 | 642 | 5096 |
| בסך-הכל . . | 2198 | 15584 | 2372 | 2752 | 22906 |

טאַבעלע № 3

עלטער פון די פּעטענטן.

| עלטער | 1921 | 1922 | 1923 | 1924 | פּערזאָן |
|---|---|---|---|---|---|
| פון 1 ביז 5 יאָר | 77 | 647 | 81 | 147 | 952 |
| „ 5 „ 10 „ | 187 | 1122 | 123 | 172 | 1604 |
| „ 10 „ 15 „ | 269 | 1762 | 185 | 323 | 2539 |
| „ 15 „ 20 „ | 386 | 2196 | 329 | 379 | 3290 |
| „ 20 „ 30 „ | 367 | 2445 | 429 | 372 | 3613 |
| „ 30 „ 40 „ | 238 | 1520 | 293 | 310 | 2361 |
| „ 40 „ 50 „ | 235 | 1668 | 303 | 313 | 2519 |
| איבער 50 יאָר . | 307 | 2924 | 534 | 675 | 4440 |
| די יאָרן ניט אָנגעוויזן | 132 | 1300 | 95 | 61 | 1588 |
| בסך-הכל פּערזאָן | 2198 | 15584 | 2372 | 2752 | 22906 |

טאַבעלע № 4

די געלט-אויסצאָלונגען לויט דער גרויס פון די סומעס (ז. זייט 118—120).

| יאָר | ביז 5 דאָל. | ביז 10 דאָל. | ביז 25 דאָל. | ביז 50 דאָל. | ביז 100 דאָל. | ביז 200 דאָל. | ביז 300 דאָל. | ביז 400 דאָל. | ביז 500 דאָל. | ביז 600 דאָל. | ביז 700 דאָל. | ביז 800 דאָל. | ביז 900 דאָל. | ביז 1000 ד. | איבער 1000 ד. | בס"ה אויסצאָלונגען |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1921 $1\frac{1}{2}$ חדשים (פון 16 נאָוו.) | 1 | 4 | 13 | 18 | 10 | 9 | 4 | 2 | — | — | — | 1 | 1 | — | 1 | 64 |
| 1922 | 24 | 209 | 1057 | 856 | 537 | 280 | 87 | 39 | 34 | 10 | 10 | 8 | 3 | 8 | 25 | 3187 |
| 1923 | 169 | 428 | 2140 | 1533 | 647 | 331 | 88 | 37 | 23 | 10 | 7 | 4 | 2 | 4 | 11 | 5434 |
| 1924 $7\frac{1}{2}$ חדשים (ביז 16 אױג.) | 248 | 648 | 1323 | 755 | 282 | 163 | 48 | 16 | 17 | 1 | 2 | 3 | 3 | — | 6 | 3515 |
| בס"ה אויסצאָלונגען פאַר די 33 חדשים | 442 | 1289 | 4533 | 3162 | 1476 | 783 | 227 | 94 | 74 | 21 | 19 | 16 | 9 | 12 | 43 | 12.200 |

**באַמערקונג:** די סטאַטיסטיק איז געפירט געוואָרן לויט די ספּעציעלע קאַרטעס פון „היאַס“, וועלכע פלעגן זיך בייטן. זייענדיק פּראַקטיש צו־געפּאַסט אין פאַרשיידענע צייטן צו פאַרשיידענע באַשטימטע עמיגראַציע-ענינים און געלט-אויסצאָלונגען (צווישן די לעצטע, אין אַלגעמיינעם כלל, אויך די „טראַנספּאָרטיישן“-געלטער, ד. ה. אויף רייזע-הוצאות קיין אַמעריקע, — אַליין רייזע-עמיגראַציאָנעלע געלטער) און ס'לאָזט זיך פון זיי ניט אויסטיילן קיין באַזונדערע ידיעות וועגן די עמיגראַנטן און זייערע באַשטעטיגונגען אָדער וועגן די אימיגראַציע־לענדער. אין די קאַרטעס זיינען אויך ניט אָפּגעטיילט די איינצלנע עמיגראַנטן פון די סתם פּערזאָנען, וואָס האָבן באַקומען דורך „היאַס“ קרובים-געלטער פון אַמעריקע. מחמת דעם—באַצייכענען מיר די אַלע פּערזאָנען, הן עמיגראַנטן והן אַנדערע, וואָס האָבן זיך געווענדעט נאָך פאַרשיידענע ענינים אין אונזער עמיגראַציע-אָפּטיילונג, מיט דעם אַלגעמיינעם נאָמען „פּעטענטן“.

זעהר גענוי און פּינקטליך איז געפירט געוואָרן די סטאַטיסטיק פון די געלט-אויסצאָלונגען (טאַבעלען אויף דער זייט 119 און 124. № 4).

פאַר די יאָרן 1921—1924 באַזיצט די עמיגראַציע-אָפּטיילונג פון „יעקאָפּאָ“ בסך-הכל 8882 משפּחה-קאַרטעס. אין יאָר 1920 איז קיין סטאַטיסטיק וועגן עמיגראַציע-ענינים ניט געפירט געוואָרן.

י. וואלק

# אויפבויאונג

## פון די חרוב-געוואָרענע פון דער מלחמה הייזער.

### ערשטע תקופה.

די מלחמה האָט חרוב געמאַכט אונזער געגנט און האָט אָפּגעמעקט פון דער ערד אַ ריי יידישע ישובים.

די איינוואוינער פון צענדליקער שטעט און שטעטלעך זיינען אַנטלאָפן אָדער זיינען מיט גוואַלט פאַרטריבן געוואָרן. שפּעטער, נאָכן שליסן שלום, ווען די רעפּאַטריאַנטן האָבן אָנגעהויבן אומקערן זיך אין די אַלטע היימען, האָבן זיי געפונען חורבות און אַ גרויסער טייל פון זיי האָט זיך ממש ניט געהאַט וואו אַהינצוטאָן. זיי האָבן באַזעצט די איבערגעבליבענע טראַנשייען, קעלערס, לעכער, האָבן זיך בעטוליעט צווישן די רואינען, האָבן מאַסנווייז געוואוינט צווישן די ווענט פון די אַמאָליקע בתי-מדרשים, — און האָבן אַרויפגעלייגט זייער גאַנצע האָפענונג אויף „יעקאָפּאָ“, וועלכע זיי האָבן שוין געפונען אַלס ברייט-אַרבעטסדיקע אָרגאַניזאַציע, אַז זי זאָל אויסגעפינען די מיטלען זיי קומען צו הילף און אומקערן זיי די מעגליכקייט פאַר אַ מענטשליכער עקסיסטענץ.

וואָס ווייטער האָט זיך אַלץ דרינגנדער געשטעלט דאָס פּראָבלעם פון אויפבויען די חרוב-געוואָרענע דורך דער מלחמה הייזער, פון אויפריכטן די חרוב-געוואָרענע דורך דער מלחמה ישובים.

דאָס בילד איז געווען אַזאַ:

ווידז איז אויסגעגלייכט געוואָרן מיט דער ערד דורך די באַוואוסטע קאַמפן ביי די דריסוויאַטער אָזערעס; סמאָרגאָן און קרעווע זיינען פאַרניכטעט געוואָרן עד היסוד ביים פאַרטיידיקן דעם באַן-קנופּ מאָלאָדעטשנע-מינסק; אין ליובטש און קאָרעליטש זיינען ניט געבליבן אַ שטיין אויף אַ שטיין ביים פאַרטיידיקן דעם אַריבערגאַנג איבערן ניעמאַן.

אַ סך אַנדערע שטעטלעך פון אונזער געגנט זיינען חרוב געוואָרן טיילווייז און האָבן אויך געוואַרט אויף אויפבויאונג.

שוין גלייך נאָכן גרינדן דעם געגנט-קאָמיטעט אין ווילנע האָבן זיך באַקומען ווענדונגען וועגן אויפבוי.

אַזוי, למשל, האָט דעם 27-טן פעברואַר 1919 זיך געווענדעט אין „יעקאָפּאָ“ דער ווידזער רב ה׳ כהנמאַן מיט דער בקשה צו נעמען אָנטייל אין אויפבויען די שטעטל. ווידז, האָט ער דערציי׳לט



איז אינגאַנצן חרוב, ניטאָ קיין איין בנין. פון די יידישע איינוואוינער געפינען זיך אַ גרויסער טייל אין דווינסק, בערך 80 פאַמיליעס אין פּאַנעוועזש און די איבעריקע אין דער סביבה פון ווידז. די ווידזער גופא האָבן געבילדעט אַ קאָמיטעט, וועלכער באַשטייט פון 3 פּערזאָן: הרב כהנמאַן (וואוינט אין קאָלטיניאַן, ווילנער גוב.), שמואל פלעקסער (פּאַנעוועזש) און יצחק מאַליאַצקי (דווינסק). ביז 500 פאַמיליעס ווילן זיך צוריקקערן קיין ווידז. וועגן אויפבויען די שטעטל פירט ער אויך אונטערהאַנדלונגען מיטן רויטן קרייץ און האָפט, אַז אויך „יעקאָפּאָ“ וועט קומען צו הילף.

דעם 3-טן מערץ 1919 ווערט ביי „יעקאָפּאָ“ געגרינדעט אַ ספּעציעלע קאָמיסיע, וועלכע זאָל זיך פאַרנעמען מיט דער אויפבוי-אַרבעט אין די צושטערטע שטעט ווידז און סמאָרגאָן. אין דער קאָמיסיע זיינען אויסגעוויילט געוואָרן: אַדוו. פינקעלשטיין, וועלכער זאָל אָנפירן מיט דער גאַנצער יורידישער זייט פון דער אויפבוי-אַרבעט, אַרכ. ראָזענהויז אַלס טעכנישער פאַכמאַן, מ. שאַליט, מ. יעזשעראָוו און ב. כהן. די קאָמיסיע האָט אויף דער זיצונג פון 28-טן מערץ 1919 באַשלאָסן גלייך צוצוטרעטן צו זאַמלען די געהעריקע דאַטן וועגן די צושטערטע שטעט. צוליב דעם צוועק האָבן אַדוו. פינקעלשטיין און אַרכ. ראָזענהויז צונויפגעשטעלט אַ געהעריקן פראַגע-בויגן. עס זיינען אויך פאַרנאָטירט געוואָרן אַ ריי שטעט צום אויספאָרשן אין דער ערשטער ריי, צווישן זיי: סמאָרגאָן, שאַוול, פּאָסטאָוו, טויראָגען, ווילייקע און ליאַכאָוויטש.

אויף דער זיצונג פון 6-טן אַפּריל 1919 יאָר ווערט באַשטעטיקט די אַנקעטע און נאָכדעם פאַנאַנדערגעשיקט אין אַ ריי פונקטן מיט די געהעריקע ערקלערונגען, וועלכע ס׳האָט אַריינגעטראָגן ה׳ שאַליט. די אַרבעט איז געפירט געוואָרן מיטן נויטיקן טעמפּ. עס זיינען אָנגענומען געוואָרן ממשותדיקע שריט צו קריגן די נויטיקע געלט-מיטלען און בוי-מאַטעריאַלן פון דער רעגירונג, כדי מען זאָל קענען וואָס גיכער צוטרעטן צו דער פּראַקטישער אַרבעט. די רעזולטאַטן האָבן געשיינט צו זיין גינסטיקע.

אינגיכן איז, אָבער, באַשלאָסן געוואָרן





דער גורל פון ווילנע: די שטאָט איז פאַרנומען געוואָרן פון די פּאָליאַקן.

די ניי-געשאַפענע לאַגע האָט געבראַכט צו אַ הפסקה אין די ענינים פון דער אויפבוי-אַרבעט. דער שווערער קריזיס, וועלכער האָט אַלס דירעקטער פועל-יוצא פון דער פּויליש-באָלשעוויסטישער מלחמה אַרומגעכאַפּט די פּראָווינץ, האָט אָפּגערוקט אָן אַ זייט די מחשבות וועגן דער אויפבוי-אַרבעט. „יעקאָפּאָ“ האָט זיך צו יענער צייט איבערגעגעבן אינגאַנצן מיט דער הילפס-אַקציע און פאַרברייטערט לאין ערך איר טעטיקייט: פון אַן אייגנן קאָמיטעט אויף צו העלפן היימלאָזע איז זי געוואָרן די דירעקטע פאַרזאָרגערין פון דער גאַנצער פּראָווינץ. עס פלעגן אַפילו פון צייט צו צייט אַרויסשווימען די פראַגן פון „אויפריכטונג פון דער ווירטשאַפט“ (פּראָטאָקאָל פון 1-טן יוני 1919 יאָר), אָבער די פראַגע פלעגט בטל בששים ווערן אין אַ ים פון טאָג-טעגלעכע שווערע נויטן און ליידן.

ביסלעכווייז איז די פּראָווינץ בעקומען צו זיך און די פראַגע וועגן אויפשטעלן די חורבונות איז ווידער געוואָרן אַקטועל. פון פאַרשיידענע חרוב-געוואָרענע שטעטלעך אין דער פּראָווינץ האָבן זיך אָנגעהויבן באַקומען ידיעות וועגן דער אומגעהויערער נויט אויף דירות און בנינים, מחמת די צוריקוואַנדערער וואַלגערן זיך אין די אָקאָפּעס און אין די איבערגעבליבענע פון די דייטשן טראַנשייען:

„מיר אונטערגעשריבענע מלחמה-נשרפים אין סאָל ווענדן זיך צו אייך מיט אַ רוף און בקשה קומען אונז באַלד צו הילף אויפבויען אונזערע חורבונות. מיר וואַלגערן זיך אין באַראַקעס, קעלערן און אין אַנדערע שלעכטע וואוינונגען, וועלכע רופן אַרויס פיל קראַנקייטן צווישן אונז“.

„אַ באַדייטנדע צאָל פון אונזערע קרעווער היימלאָזע געפינען זיך אין מינסק. די באַדינגונגען פון לעבן זיינען אויסערגעוויינליך שווערע. אויב מיר באַקומען ניט קיין הילף אויף אָפּבויען אונזערע חורבות זיינען מיר פאַרלאָרן“.

„פיל אָרימע פאַמיליעס פון די דערפער ביי נאָוואָגרודאָק האָבן זיך אַריבערגעקליבן קיין ליובטש. עס זיינען רעמאָנטירט געוואָרן 12 פון די אַלטע איבערגעבליבענע חורבות און אויסגעבויט 6 נייע הייזער. עס זיינען אויך רעמאָנטירט געוואָרן 2 קעלערן, אין וועלכע עס האָבן זיך אַריינגעקליבן מענטשן. אין די בנינים וואוינען איצט 73 פאַמיליעס, וועלכע לעבן, ווי מען קען זיך פאָרשטעלן, אין ענגשאַפט און נויט. עס געפינען זיך נאָך ביז 30 אָרימע פאַמי-

ליעס אין די דערפער און א 80 פאַמיליעס אין נאָוואָגרודאָק".

„מיט די אָקאָפעס-מאַטעריאַלן זיינען רעמאָנטירט געוואָרן א 35 אַלטע חורבות אין קאַרעליטש. עס זיינען אויסגעבויט געוואָרן אויך 3 נייע הייזער און רעמאָנטירט 3 געמויערטע קעלערן. די אַלע בנינים באַוואוינען 251 פערזאָן אין זייער א שלעכטן מצב. אין נאָוואָגרודאָק וואוינען איצט 130 קאַרעליטשער פאַמיליעס. פון זיי זיינען 90 פאַמיליעס זייער אָרים. אַלע גאַרן אומקערן זיך א היים".

א בילד פון בראשית. נאָכן תהו ובהו—א ווידערגעבורט פון מענטשליכע ישובים.

דעם געגנט-קאָמיטעט איז פאָרגעשטאַנען א שווערע און הארבע אויפגאַבע: מונדליך און שריפטליך אין ספעציעלע מעמאָראַנדומס האָבן די ח״ח שאַליט, קאָוואַרסקי און יעווזעראָוו אויפגעקלערט דעם ד. ד. ק. די וויכטיקייט פון אויפבוי, בפרט אין א מאָמענט, ווען דער צופלוס פון די רעעמיגראַנטן פון אַלע פאַרוואָרפענע ערטער ווערט גרעסער יעדן טאָג און די אויפבוי טראָגט אין זיך דעם געזונטן קערנדל פון פראָדוקטיוויטעט.

אין אָקטאָבער 1919 יאָר שטעלט „יעקאָפאָ" צו דעם ד. ד. ק. א באַשיידענעם ביורושעט פון 200.000 מאַרק אויף הלוואות פאַר 8 באַזונדערס צוראוינירטע שטעטלעך אויף אויפבויאונג פון הייזער און קהלשע אַנשטאַלטן. דאָס זעלבע ווערט געבעטן אין נאָוועמבער און דעצעמבער יענעם יאָר, אָבער די בקשות זיינען אָפגעוואָרפן געוואָרן. מען דאַרף צוגעבן, אַז דער ד. ד. ק. האָט צו יענער צייט ניט גענומען אין אַכט די אויפבוי-אַרבעט אין איר ברייטן פאַרנעם, נאָר אַרויסגעוויזן א געגנערשאַפט צו יעדן מין הילף, וועלכע איז ניט געווען פאַרבונדן דירעקט מיטן הויפטציל: „לינדערן דעם הונגער".

דער געגנט-קאָמיטעט האָט, אָבער, געהאַט א פעסטע מיינונג וועגן דער באַדייטונג פון דער אויפבוי. אויפריכטן די שטעטל דורך אויפבויען די הייזער באַטייט אויך אויפלעבן די שטעטל עקאָנאָמיש, אויפשטעלן די מערק און דעם האַנדל, געבן אַרבעט די בעלי-מלאכות און דער הונגער וועט שוין ממילא פון זיך אַליין ווערן געלינדערט. „יעקאָפאָ" האָט דעריבער באַשלאָסן צו מאַכן אייניקע אָפשפאָרונגען פון די באַקומענע געלטער אויף תמיכה און אַרויסגעבן די צוראוינירטע שטעטלאַך געוויסע סומעס אויף אויפבוי-צוועקן.

די ערשטע עקספערימענטן זיינען געמאַכט געוואָרן אין נאָוואָגרודקער ראַיאָן, דערהויפט אין קאַרעליטש און ליובטש. ערשטנס, ווייל פון זייער זייט האָט זיך געמערקט א געוויסע אייגענע איניציאַטיוו און, צווייטנס, זיינען דאָס רוב פלטים פון דעם ראַיאָן געווען פאַרטריבן אין פוילן און די באַדינגונגען פון אומקערן זיך זיינען פאַר זיי געווען באַדייטנד לייכטער. די יידישע קהילה אין נאָוואָגרודאָק האָט גערן אויף זיך גענומען דעם אויפטראָג פון קאָנטראָלירן און פאַנאַנדערטיילן די בונים די אויפבוי-געלטער לויט איר איינזען און באַשטימונג. די גרעסטע סומע האָט דערגרייכט ביז 1000 מאַרק אויף א בונה.

די רעזולטאַטן זיינען געווען באַדייטנדע. דער באַפולמעכטיקטער פון „יעקאָפאָ" י. וואַלק, וועלכער איז אין נאָוועמבער 1919 יאָר דעלעגירט געוואָרן ספעציעל אין יענעם ראַיאָן פעסטצושטעלן די ווייטערדיקע מעגליכקייט פון אויפבוי, האָט קאָנקרעטיזירט די רעזולטאַטן אין זיין באַריכט אויפן פאָלגנדן אופן:

„זינט עס האָט זיך אָנגעהויבן די אויפבוי-אַקציע באַמערקט זיך א געוויסע לעבהאַפטיקייט אין קאַרעליטש און ליובטש. די פויערים פון יענער סביבה געוויינען זיך ביסלעכווייז אָפ פון צו פאָרן אין שטאָט און פירן דורך זייערע אַלע געשעפטן אין די אויפלעבנדע שטעטלאַך און דער עקאָנאָמישער מצב ווערט אַלץ פעסטער. דאָס איז אַלץ אַדאַנק די קליינע מיטלען, מיט וועלכע מען איז די בונים געקומען צו הילף. מען קען זיך פאָרשטעלן, וועלכע רעזולטאַטן עס וועלן ברענגען די גרעסערע אויפבוי-אַקציעס".

היות, ווי פאַר דעם נאָוואָגרודקער ראַיאָן איז פאָרגעזען געוואָרן א גרויסע אויפבוי-אַרבעט, איז ביים נאָוואָגרודקער ועד-הקהל געבילדעט געוואָרן א קרייז-קאָמיסיע, וועלכע האָט געהאַט דעם צוועק פון צייט צו צייט צו באַזוכן די אויפבוי-פונקטן, קאָנטראָלירן די אַרבעט און אַסיגנירן געלט די בונים.

ס'דאַרפן אויך פאַרנאָטירט ווערן אייניקע אַסיגנירונגען אויף רעמאָנטירן די בעדער אין פראָווינץ, ווי אויך אויף רעמאָנטירן פאָלקס-שולן, שפיטאָלן, דעזינפעקציע-קאַמערן און בריגימער.

בסך-הכל זיינען אין יענער צייט, פון אָקטאָבער 1919 ביז יאַנואַר 1920, אַרויסגעגעבן געוואָרן סומעס אויף 76 וואוין-הייזער, 27 רעמאָנטן פון בעדער, 7 רעמאָנטן פון פאָלקסשול-בנינים, 1 דעזינפעקציע-קאַמער, 1 שפיטאָל, 1 ברונים,— אין דער גרויס פון בערך 153000 מאַרק, אָדער וואַלאָריזירט לויטן אומגעפערן דורכשניטליכן טאָג-קורס, 2950 דאָלאַר.

דערביי דאַרף גענומען ווערן אין באַטראַכט, אַז אין יענע צייטן איז דער ווערט פון דאָלאַר גופא געווען לאַוין ערך העכער, ווי איצט, און די אויפטוען מיט א קלענערער סומע—א סך גרעסער.

---

די אַרבעט האָט זיך וואָס ווייטער אַנטוויקלט אַלץ מיט א גרעסערן טעמפ, די באַדערפענישן זיינען כסדר געוואַקסן. אין א בריוו פון קרייז-קאָמיטעט אין נאָוואָגרודאָק, דאַטירט דעם 22 דעצעמבער 1919, שרייבט מען צו „יעקאָפאָ":

„די סומעס אויף אויפבויאונג, וואָס מיר האָבן דערהאַלטן פון „יעקאָפאָ", זיינען שוין פאַרטיילט געוואָרן. מיר באַקומען טאָגטעגליך נייע ביטעס וועגן אַרויסגעבן געלט אויף בויען הייזער אין די צושטערטע שטעטלאַך. מיר האָבן באַשטימט הלוואות פאַר די פערזאָנען, וועלכע זיינען שוין צוגעטראָטן בויען פאַקטיש זייער הייזער. בס"ה דאַרף דער קרייז-קאָמיטעט האָבן אין זיין רשות אויף אויפבויאונג, לויט אונזערע אויסרעכענונגען, אום צו קענען ברענגען ווירקליכע נוצן, 100.000 מאַרק, אויף די 3 חדשים: דעצעמבער, יאַנואַר און פעברואַר."

שפעטער, דעם 11 יאַנואַר 1920, שרייבן זיי:

„די אַרבעט גייט פאָרווערטס. חוץ די אַרויסגעגעבענע ביז איצט הלוואות האָבן מיר אַסיגנירט ווייטערדיקע סומעס פאַר נאָך 41 בונים אויף א סומע פון 30.000 מאַרק אין ליובטש און קאַרעליטש. עס זעט זיך אויך פאָר אַן אַרבעט אין האַראָדישטש און טורעץ. דערצו דענקט דער קרייז-קאָמיטעט, אַז צום סוף ווינטער וועט זיך פאַרגרעסערן די צאָל בונים, ווייל די זיכערקייט, אַז „יעקאָפאָ" העלפט אויסבויען, האָט שטאַרק אויפגעהויבן דעם מוט ביי דעם עולם, האָט אים געגעבן ענערגיע און פיל פערזאָנען, וועלכע האָבן פריער ניט געטראַכט וועגן בויען, נעמען אָן איצט אַלע מיטלען אויף אויפבויען זייערע חורבות".

א פאַרצווייפלטער הילפס-געשריי האָט זיך באַקומען דעם 8 פעברואַר 1920 פון ווישנעווע.

אין אַן אויספירליכן מעמאָראַנדום שילדערן די ווישנעווער פאָרשטייער די שווערע לאַגע פון די רעפאַטריאַנטן, מערסטנטייל אָרימע לייט, ווייל „די רייכע בעלי-בתים האָבן זיך גוט איינגעאָרדנט אין דער פרעמד און קומען צו אונז ניט. אומגעקערט האָבן זיך נאָר די אָרימע, וועלכע האָבן דאָרט געלעבט שווער און ביטער". און ענדיקן: „מיר בעטן העלפן

אונזער חרוב-געוואָרענע און צורואינירטע שטעטל, כּדי זי זאָל אַרויסגיין פון איר קריטישער לאַגע. מיר בעטן ניט קיין ברויט, מיר דאַרפן ניט קיין נדבות, מיר פאַרלאַנגען און פאָדערן אויפריכטן אונז, אויפבויען אַ שטעטל. אָן אייער הילף דערוואַרט אונז, חלילה, אָן אונטערגאַנג. געדענקט, אַז אין אייערע הענט ליגט דער גורל פון אַ גאַנצער שטעטל“.

די אויפבוי-אַקציע האָט אַלץ מער באַקומען דעם כאַראַקטער פון אַן אויסגעשפּראָכענער געזעלשאַפטליכער פּראָבלעם פון דער ערשטער מדרגה. וואָס ווייטער האָט זי אַלץ מער צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון „יעקאָפּאָ“. ניט קענענדיק באַקומען פון ד. ד. ק. קיינע שום ספּעציעלע אַסיגנירונגען אויף אויפבוי-צוועקן, האָט מען באַשלאָסן פאָרטצוזעצן די אַרבעט מיט אייגענע מיטלען און אָפּשפּאָרונגען, ביז זי וועט אַרויסגעפירט ווערן אויפן ברייטן שליאַך פון אַ טעטיקייט, וואָס וועט באַקרוינט ווערן דורך אַלעמענס אָנערקענונג.

די אויפבוי-אַרבעט איז איינצייטיק אויך אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויפן סדר-היום פון דער יידישער געזעלשאַפט אין מינסק, וועלכער איז אין יאָר 1919 פאַרנומען געוואָרן דורך די פּאָליאַקן. אַ גרויסער טייל איינוואוינער פון ווישנעווע, קרעווע און סמאָרגאָן, וועלכע זיינען פאַרוואָגלט געוואָרן צוליב דער מלחמה אין מינסק, האָבן אויסגעדריקט זייער הייסן פאַרלאַנג אומצוקערן זיך אַ היים. אין דער זעלבער צייט זיינען געשיקט געוואָרן קיין ווילנע צו „יעקאָפּאָ“ שלוחים דירעקט פון מינסק: הרב מויזיס, אַלס פאָרשטייער פון קרעווער יידן און די ה״ה קיסין און ראַבינאָוויטש פון די ווישנעווער היימלאָזע אויף אָנצוהויבן אַ הילפס-אַקציע אויף העלפן זיי אומצוקערן זיך אַ היים און אויפשטעלן זייערע חורבות. שפּעטער איז דער גענגט-קאָמיטעט אַוועקגעשטעלט געוואָרן פאַר אַ געשעענעם פאַקט דורך דעם מינסקער קאָמיטעט, וועלכער האָט אויף דער אייגענער אחריות עוואַקואירט פון מינסק די געוועזענע איינוואוינער פון דער קאָלאָניע „קרקע“ ביי סמאָרגאָן.

כּדי צו סיסטעמאַטיזירן די אַרבעט האָט דער מינסקער קאָמיטעט דעלעגירט אַ ספּעציעלן פאָרשטייער קיין ווילנע, דעם ה׳ וויקטאָראָוו, וועלכער האָט אויף דער געמיינזאַמער זיצונג פון 1 יוני 1920 י. בענוי אינפאָרמירט וועגן דעם, וואָס איז אויפגעפאַסן געוואָרן אין מינסק בנוגע דער פאָרשטייענדער אויפבוי-אַרבעט אין „קרקע“, ווי אויך וועגן געזעלשאַפטליכן בנין אויף אויפצונעמען די רעעמיגראַנטן, וועלכן זיי בויען אין סמאָרגאָן. אויף דער זעלבער זיצונג איז פּרינציפּיעל באַשלאָסן געוואָרן צו פירן די אויפבוי-אַרבעט אין דער ערשטער ריי אין סמאָרגאָן, קרקע און קרעווע, געמיינזאַם, לויט אַן אַלגעמיינעם פּלאַן, וואָס וועט אויסגעאַרבעט ווערן דורך אַ ספּעציעלער קאָמיסיע צוזאַמענגעשטעלט פון ביידע קאָמיטעטן.

די אויפבוי-אַרבעט ווערט וואָס ווייטער אַלץ אַ מער ווירקנדיקער פאַקטאָר אין דער טעטיקייט פון „יעקאָפּאָ“. די זיצונגען פון דער אויפבוי-קאָמיסיע קומען פאָר זייער אינטענסיוו און אָפט. אויף דער זיצונג פון 7 יוני 1920 ווערט אויסגעהערט דער באַריכט פון מ. שאַליט און עס ווערט באַשטעטיקט דער באַשלוס פון פּרעזידיום וועגן דער אויפבוי-אַרבעט אין דער גאַנצער ברייט. דעם 16 יוני 1920 ווערט באַשלאָסן שיקן אַ קאָמיסיע אין אַלע בוי-ראַיאָנען. די קאָמיסיע דאַרף זיין אַ פאַכמענישע. חוץ די ראַיאָנען פון סמאָרגאָן, קרקע און קרעווע, וועלכע דאַרפן געבויט ווערן געמיינזאַם מיט די פאָרשטייער פון מינסק, ווערט אַסיגנירט 750.000 מאַרק אויף די איבעריקע פונקטן, אין דער ערשטער ריי — פאַר די חרוב-געוואָרענע פונקטן אין נאָוואָגרודקער ראַיאָן. דעם 30 יוני 1920 ווערט באַשלאָסן אַריינצונעמען די שטאָט ווידז אין דער צאָל פון די אויפבויאונגס-פונקטן. די אַס׳גנירונגען אויף אויפבוי-צוועקן האָבן אין יענער צייט דערגרייכט כּמעט 50 פּראָצ. פון גאַנצן ביודזשעט. אַלע מיטלען זיינען געווען געהייליקט פאַר דער גרויסער אויפגאַבע פון אויפשטעלן די חורבונות פון דער מלחמה.

אין מיטן יולי 1920, אין עצם ברען פון דער אַרבעט, האָט זיך אָנגעהויבן די אינוואַזיע פון די באָלשעוויקעס, וועלכע האָבן פאַרנומען ווילנע. דאָס האָט געבראַכט צו דער פּאַראַליזירונג פון דער אַרבעט, וועלכע איז מיט אַזוי פיל מי און ענערגיע אָנגעהויבן געוואָרן און טריט ביי טריט דורכגעפירט געוואָרן אין לעבן.

פאַר די צייט,—פון 1 יאַנואַר ביזן 15-טן יולי 1920, — איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון די אָפּגעשפּאָרטע אויף דעם צוועק געלטער אַ סומע פון בערך 692000 מאַרק אָדער, וואַלאָריזירט, בערך 4100 דאָלאַר, אויף בויען 96 וואוין-הייזער, 53 רעמאָנטן פון בעדער, 8 רעמאָנטן פון פאָלקס-שולן, 3 דעזינפעקציע-קאַמערן, 1 בנין פאַר פייערלעשער און 1 ברונים.

---

אין משך פון דער קורצער הפסקה איז אויפן פּאָליטישן האָריזאָנט פאָרגעקומען אַ סך נייס. ווילנע איז אַריינגעצויגן געוואָרן אין צענטער פון די געשעענישן, האָט איבערגעלעבט עטלעכע אָקופּאַציעס און „יעקאָפּאָ“ האָט בינו לבינו געמוזט פאַרנעמען זיך מיט פאַרשיידענע מינים הילף, ווי שטיצן פּאָגראָמירטע און היימלאָזע. אויפבוי איז ניט געלעגן אין קאָפּ. בפרט, אַז וועגן פירן אַ פּלאַנמעסיקע אַרבעט האָט קיין רייד ניט געקענט זיין צוליב דעם פאַקטישן מלחמה-צושטאַנד צווישן רוסלאַנד און פּוילן. עס איז אויסגעקומען צו ענדיקן דערווייל די אַלטע בנינים, וועלכע זיינען געבליבן אין מיטן דער אַרבעט. צו דעם צוועק איז אויף דער זיצונג פון קאָמיטעט דעם 16-טן סעפּטעמבער 1920 יאָר באַשלאָסן געוואָרן צו רעזערווירן פון די נאָך פאַרבליבענע געלטער 100.000 מאַרק אויף אויפבויאונג.

אין נאָוועמבער 1920 יאָר, ווען ווילנע איז געווען אונטער דער ממשלה פון גענעראַל זשעליגאָווסקי, איז געשלאָסן געוואָרן דער פּרעלימינאַר-שלום צווישן פּוילן און רוסלאַנד; אָבער די פרידליכע באַדינגונגען האָבן שוין דאַן קיין גרויסע זאַכן אויפן געביט פון אויפבוי ניט געקענט אויסטאָן, ווייל צוליב דער אומקלאָרקייט פון דער פּאָליטישער לאַגע זיינען ניט אָנגעקומען קיין געלטער און דעריבער איז ניט געווען פון וואָס אָפּצושפּאָרן אויף אויפבוי-צוועקן. די אַסיגנירטע געלטער פון פריער זיינען אין דער עת-צרה פאַרטאָן געוואָרן אויף גיכע הילף, וועלכע איז געווען אין יענע צייטן באַזונדערס דרינגענד. פון דער אַנדער זייט זיינען דאָס רוב איינוואוינער אין די חרובע שטעטלעך ניט געווען אַזוי להוט אויפצושטעלן נייע בנינים, ניט זייענדיק זיכער אין מאָרגנדיקן טאָג.

עס איז אויפגעשוואומען די פראַגע וועגן פאָלקס-בנין אין סמאָרגאָן, וועלכער איז אָנגעהויבן געוואָרן דורך דעם מינסקער קאָמיטעט פון „יעקאָפּאָ“ און געבליבן אין מיטן דער אַרבעט צוליב די לעצטע געשעענישן. עס איז אויך אָנגעקומען אַ דרינגענדע בקשה פון ווידז וועגן אַסיגנירן געלט אויף צו בויען הייזער פאַר רעעמיגראַנטן, וועלכע וואַלגערן זיך אין אָקאָפּעס און חורבות.

אויף דער זיצונג פון 23-טן נאָוועמבער 1920-טן יאָר איז באַשלאָסן געוואָרן צו דעלעגירן די ה״ה וויקטאָראָוו און וואַלק קיין סמאָרגאָן, וועלכע זאָלן זיך באַקאָנען אויפן אָרט מיט די ווייטערדיקע אויסזיכטן פון אויפבויאונג, קודם כּל מיטן געזעלשאַפטליכן בנין. קיין ווידז איז דעלעגירט געוואָרן ה׳ קליאַנסקי, כּדי צו אָרגאַניזירן צוזאַמען מיטן

דאָרטיקן קאָמיטעט די אויפבויאונגס-אַרבעט.

אויף דער זיצונג פון 30-סטן נאָוועמבער 1920 האָבן די ה״ה וויקטאָראָוו און וואלק אָפּגעגעבן אַ באַריכט וועגן זייער נסיעה קיין סמאָרגאָן-קרקע:

„סמאָרגאָן און קרקע שטעלן מיט זיך פאָר אַ בית-הקברות. אין ביידע ערטער געפינען זיך בלויז אַ פּאָר פאַמיליעס. אַ טייל — אין די אַרומיקע דערפער. עס איז ניטאָ קיין האָפענונג, אַז בקרוב זאָלן צוקומען נייע רעעמיגראַנטן. וועגן געזעלשאַפטליכן בנין זיינען געווען צוויי מיינונגען: 1. פאַנאַנדערזעצן דעם געזעלשאַפטליכן בנין אויף 2 חלקים און איבערטראָגן אויף דער קרקע פאַר 2 נויטבאַדערפטיקע פאַמיליעס, וואָס וואַלגערן זיך אין גריבער. דער פאָרשלאָג איז מאָטיווירט געוואָרן מיט דעם, וואָס עס איז גאַנץ מעגליך, אַז דער בנין וועט במילא צונומען ווערן דורך דער אַרומיקער אָרימער באַפעלקערונג. 2. פאַרענדיקן דעם בנין, אויפן פאַל פון אַ צופלוס פון רעעמיגראַנטן, וואו זיי זאָלן געפינען די ערשטע צייט אַ מקום מנוחה. עס איז באַשלאָסן געוואָרן אָנצונעמען דעם צווייטן פּראָיעקט, דהיינו פאַרענדיקן דעם בנין. כדי צו באַוואָרענען זיך פון מעגליכע גנבות, איז דאָרט באַזעצט געוואָרן צייטמייליק אַ רעעמיגראַנטן-פאַמיליע״.

אויף דער זיצונג פון 14-טן דעצעמבער 1920 גיט ה׳ קליאַנסקי אָפּ אַ באַריכט וועגן זיין רייזע קיין ווידז:

„בסך-הכל זיינען שוין פאַראַן 49 רעעמיגראַנטן. נאָך 42 דאַרפן די טעג זיך אַריינקלייבן״.

לויט זיין פאָרשלאָג איז אַסיגנירט געוואָרן פאַר זיי אַ סומע געלט אויף נייע הייזער און רעמאָנטן. עס איז אויך באַשלאָסן געוואָרן צו רעמאָנטירן אַ חרובע שול, וועלכע זאָל דינען אַלס צייטווייליקע היים פאַר די פּערזאָנען, וועלכע האָבן בדעה אומצוקערן זיך.

פון די רעשטלעך געלטער זיינען אין אָנהייב 1921 אַרויסגעגעבן געוואָרן קליינע סומעס אין פאַרשיידענע ערטער אויף בעדער. עס זיינען אויך געמאַכט געוואָרן קליינע הוספה-אַסיגנירונגען אויף צו ענדיקן די געזעלשאַפטליכע בנינים אין ווידז און סמאָרגאָן און פאַר פּריוואַטע פּערזאָנען אויף צו ענדיקן זייערע הייזער אין אָסטראָוועץ, ווישנעווע, אָפּסע, סאָל און היידוציִשעק.

עס זיינען אויסגענוצט געוואָרן אַלע רעזערוון. דעם 3-טן מאַי 1921 איז באַשלאָסן געוואָרן צו ליקווידירן אויך דעם לאַגער פון מעדיקאַמענטן און פון די אויסגעלייזטע געלטער אַסיגנירן קודם כל אויף אויפבויאונג.

די אַרבעט האָט זיך געמוזט אָפּשטעלן. צו גרויס איז געווען דער צופלוס פון רעעמיגראַנטן אין די חרוב-געוואָרענע ערטער און צו ווינציק איז געוואָרן די אויפבוי-נויט, אַז מען זאָל איר קענען לינדערן, אגב-אורחא, מיט קליינע סומעס פון פאַרשיידענע אָפּגעשפּאַרטע געלטער. עס איז אַנטשטאַנען אַ סטיכישער פּראָצעס פון ווידער-אויפבוי, וועלכער האָט געמוזט דערליידיקט ווערן אַלס אַזעלכער. דאָס האָט באַוויזן „יעקאָפּאָ״ אָנצונעמען אַלע מיטלען, כדי צו קריגן געלטער אויף צו לעזן די ברענענדיקע פראַגע. די רעזולטאַטן האָבן ניט געלאָזן לאַנג אויף זיך וואַרטן.

פאַר די צייט, פון 15-טן יולי 1920 י. ביזן 1-טן יולי 1921, איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון די אָפּגעשפּאַרטע געלטער אַ סומע פון בערך 1238211 מאַרק אָדער, וואַלאָריזירט, בערך 2200 דאָלאַר אויף בויען 31 וואוין-הייזער, 2 געזעלשאַפטליכע בנינים, 10 רעמאָנטן פון פאָלקסשולן און 7 רעמאָנטן פון בעדער.

---

דער סטיכישער פּראָצעס פון רעפּאַטריאַציע איז אויפגעפאַסט געוואָרן דורך „יעקאָפּאָ״, ווי אַ סאָציאַל-עקאָנאָמישע ערשיינונג, וואָס דאַרף רעגולירט ווערן מער געזעלשאַפטליך ווי פילאַנטראָפּיש און „יעקאָפּאָ״ האָט זיך איינגעגעבן צו שאַפן נייע פאָרמען אין דער הילפס-טעטיקייט.

דער נאָוואָגרודקער רב, ר׳ מאיר אַבאָוויטש, איינער פון די ערנסטע כלל-טוער, וועלכער האָט דורכגעמאַכט צוזאַמען מיט „יעקאָפּאָ״, אָנהייבנדיק פון 1919, די פראַגע פון אויפריכטן די חורבנות אין נאָוואָגרודקער ראַיאָן, שרייבט אין זיין באַריכט, צווישן אַנדערעס, פאָלגנדעס:

„אין מיין געדאַנק איז נאָך געבליבן דער אַלגעמיינער איינדרוק, וואָס האָט מיר געבראַכט צום קלאָרן באַשלוס, אַז ווען „יעקאָפּאָ״ וואָלט אין 1919 יאָר ניט אָנגעהויבן אויף איר אייגענער אחריות די אויפבוי-אַרבעט מיט געקאַרגטע מיטלען, וואָלטן נאָך עד היום געווען חרוב די צושטערטע שטעט און מחנות אָרימעלייט וואָלטן נאָך געלעגן אויפן קאַרק פון אונזערע ברידער אין אַמעריקע, אויב זיי וואָלטן אָפּריער ניט אויסגעשטאָרבן פון צרות און קראַנקהייטן, געפינענדיק זיך אין אויסערגעוויינליכע אַנטיסאַניטאַרע באַדינגונגען, וואַלגערנדיק זיך אין חורבות און פייכטע קעלערן, וואָס האָבן געדינט אויף צו האַלטן קאַרטאָפל.

ווען ניט „יעקאָפּאָ״ וואָלט מען, ביי די באַדינגונגען פון אונזער טרויעריקער ווירקליכקייט, אפשר גאָר ניט געקומען צו דער הכרה, אַז עס איז מעגליך צו העלפן די געליטענע פון דער מלחמה פון אונטערגאַנג און אייביקער אָרימקייט דורך אויפשטעלן די חרובע ווירטשאַפט, און אַז עס איז מעגליך מיט ניט גאָר גרויסע סומעס אויפריכטן די חרובע שטעטלעך. גאָר דאַן, ווען דער ד. ד. ק. האָט זיך איבערגעצייגט, וואָס „יעקאָפּאָ״ האָט מיט קליינע מיטלען אויפגעטאָן, אויפהויבנדיק דורך אויפבויאונג פון די הייזער דעם וואוילשטאַנד פון דער באַפעלקערונג, האָט ער גענומען גלויבן, אַז ד ע ר וועג איז דער בעסטער צו ראַטעווען די מחנות אומגליקליכע״.

אַ צווייטע פּערזאָן, ה׳ אַבראַמסאָן פון קרעווע, וועלכער איז אויך איינער פון די ערשטע ביים אויפשטעלן זיין שטעטל, שרייבט:

„די ערשטע 50,000 מאַרק, וועלכע „יעקאָפּאָ״ האָט אונז אַרויסגעגעבן אין יאַנואַר 1920 פאַר די ערשטע 23 בונים, וועלכע האָבן זיך געוואַלגערט אין דערבייאיקן דאָרף ב אַ ר ו ן, האָבן געגעבן די מעגליכקייט, אַז מיט זייער הילף זאָלן אָפּלעבן די אומגליקליכע, רואינירטע, וואַנדערנדע קרעווער יידן. מיט דאָס געלט איז געקויפט געוואָרן האָלץ און אַרויסגעפירט געוואָרן פון וואַלד. מיט דער איבעריקער הילף האָט קרעווע זיך ווייטער געבויט און אונזער שטעטל האָט גענומען בליען״.

די אָנגעהויבענע אויפבוי-אַקציע האָט באַוויזן גאַנצע שטעטלעך אומצוקערן זיך פון די פאַרשיקטע און פאַרטריבענע ערטער, וואו זיי האָבן געלעבט אין דחקות און נויט, האָט געוועקט דעם פאַרשלאָפענעם מוט און געבראַכט צום לעבן פאַרפאַלענע מענטשן.

---

## צווייטע תקופה.

אָנהויב 1921 יאָר האָבן גענומען בלאָזן אַנדערע ווינטן אין ד. ד. ק. אין דער לופטן האָבן זיך געטראָגן קלאַנגען וועגן אָפּשטעלן די תמיכה און איבערגיין אינגאַנצן אויף פּראָדוקטיווע הילף. בהסכם מיט דעם האָט געדאַרפט איבערגעאַנדערשט ווערן דער גאַנצער אָנפירנדער אַפּאַראַט פון ד. ד. ק. ס׳איז געבילדעט געוואָרן אַ סטאַטיסטישער אַמט אין וואַרשע, וועלכער האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צוצוגרייטן דאַטן און מאַטעריאַלן אויפן יסוד פון שטרענגער סטאַטיסטיק,

וועלכע זאָל דינען פאַרן אויסגאַנגס-פּונקט פון דער ווייטערדיקער אַרבעט. עס איז באַשטימט געוואָרן אַ ספּעציעלער דירעקטאָר איבער גאַנץ אייראָפּע ה' ל א נ ד ע ס ק אָ, וועלכער האָט געדאַרפט אָנפירן מיט דער קאָנסטרוקטיווער אַרבעט, צווישן וועלכער די אויפשטעלונג פון דער חרוב-געוואָרענער ווירטשאַפט האָט געדאַרפט פאַרנעמען דעם אויבן-אָן.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דער דאָזיקער באַשטימונג איז דעם 16-טן פעברואַל 1921 געשיקט געוואָרן אַ דעלעגאַציע פון „יעקאָפּאָ" קיין וואַרשע, אין צוזאַמענשטעל פון די ה"ה מ. שאַליט און ג. קאָוואַרסקי, מיט אַ פולמאַכט צו פירן אונטערהאַנדלונגען וועגן אויפבויען די חרוב-געוואָרענע פון דער מלחמה שטעטלעך. דער עיקר איז די פראַגע געוואָרן אַקטועל, מער ווי אַן אַנדערש מאָל, צוליבן שלום פון פוילן מיט רוסלאַנד. פון וואַרשע האָט די דעלעגאַציע געזאָלט פאָרן קיין פ א ר י ז פירן די ווייטערדיקע אונטערהאַנדלונגען פערזענלעך מיטן דירעקטאָריום פון ד. ד. ק. די נסיעה קיין פאַריז איז נאָכדעם, צוליב פאַרשיידענע סיבות, אָפּגעלייגט געוואָרן. שפּעטער האָט „יעקאָפּאָ" אויסגעאַרבעט אַ גענויען מעמאָראַנדום וועגן דער אויפבוי, וועלכער איז דעם 24-טן פעברואַל 1921 יאָר אָפּגעשיקט געוואָרן קיין וואַרשע. אין מעמאָראַנדום איז אָנגעוויזן געוואָרן, אַז די אַרבעט פירט שוין „יעקאָפּאָ" פון לאַנג און איצט איז וויכטיק אַן אַוואַנס, אויב עס איז ניט מעגלעך אַרויסצוגעבן די גאַנצע געבעטענע סומע, כדי די אַרבעט זאָל זיך ניט אָפּשטעלן.

אין פעברואַל 1921 האָט באַזוכט ווילנע דער דירעקטאָר פון יק"א אין פאַריז ה' מ א י ר ס אָ ן. דער בענגט-קאָמיטעט האָט דעלעגירט די ה"ה מ. שאַליט, ג. קאָוואַרסקי און מ. יעווזעראָוו, וועלכע האָבן אים אויספירלעך באַקאַנט מיט דער אויפבויאונג אין די חרוב-געוואָרענע ערטער. איינצייטיק איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ ברייטערער מעמאָראַנדום צו יק"א, אין וועלכן עס איז געשילדערט געוואָרן די לאַגע פון די שטעטלעך פאַר דער מלחמה הן אין עקאָנאָמישער והן אין קולטורעלער הינזיכט, דערנאָך די פאַרשיידענע גירושים און ווייטער איז איבערגעגעבן געוואָרן די מאַרטירלאָגיע פון די איינוואוינער אין דער צייט פון מלחמה:

די איינוואוינער פון די שטעטלאַך זיינען זיך דאָס רוב צולאָפן אונטערן האָגל פון קוילן, איבערלאָזנדיק האָב און גוטס אויף הפקר. אַ טייל זיינען פאַרוואָגלט און צושפּרייט געוואָרן איבער מינסקער גוב. און אויף דעם אופן זיינען זיי לגמרי אָפּגעריסן געוואָרן פון זייערע אַלטע היימען צוליב דער דייטשער אָקופּאַציע. אַנדערע זיינען פאַרשיקט געוואָרן איבער געוואַלט דורך די דייטשן אין טיף פוילן, גראָדנער און סובאַלקער גוב. אין די נייע ערטער האָט זיך זיי געלעבט זייער שלעכט. דער גרעסטער טייל איז אָנגעקומען צו תמיכה. ניט קענענדיק צופּאַסן זיך צו די נייע לעבנס-באַדינגונגען, האָט זיך ביי זיי אַנטוויקלט אַ בענקעניש און אַ באַדערפעניש אומצוקערן זיך אַהיים. די מער „גליקליכע", וועלכע האָבן געפונען אַ חורבה, האָבן רעמאָנטירט אַביסל דעם דאַך, דעם אויוון, דערשאָטן די ווענט מיט מאָך און געשאַפן זיך אַ מין שטיקל „דירה". ערגער איז געווען די לאַגע פון די, וועלכע האָבן אַפילו קיין סימן פון אַ חורבה אויך ניט געפונען: די האָבן זיך אויסגעזוכט אַ מקום מנוחה אין אַן אָקאָפּע אָדער ערד-שטיבל. אַנדערע האָבן זיך צונויפגעפּרעסט צו 4 — 5 משפחות אין אַ קליינע דירהלע, צוליב וואָס עס זיינען פאַרשפּרייט געוואָרן פאַרשיידענע קראַנקהייטן און עפּידעמיעס.

צום סוף ווערט גענוי אָנגעוויזן, וואָס איז שוין אויפגעטאָן געוואָרן דורך „יעקאָפּאָ" און וואָס עס ווערט פאָראויסגעזען, כדי צו העלפן ממשותדיק די צענדליקער ישובים און עס ווערט געבעטן אַ גרעסערע הלוואה.

דערווייל איז אָנהויב מערץ 1921 פאָרגעקומען אַ קאָנפערענץ, צונויפגערופן פון ד. ד. ק., וואו פון די מיטטיילונגען פון די פאָרשטייער פון ד. ד. ק. האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די ביז איצטיקע סיסטעם פון דער אַרבעט ווערט אינגאַנצן בטל, אַז די תמיכה ווערט פון יולי 1921 ליקווידירט און ס'ווערן געבילדעט באַזונדערע דעפּאַרטאַמענטן פאַר רעקאָנסטרוקטיווע הילף, היימלאָזע, יתומים-פאַרזאָרגונג און מעדיצינישע הילף.

די קאָנסטרוקטיווע אַרבעט זאָל פאַרצווייגט ווערן אין 3 אָפּטיילונגען: 1) אויספאָרשונג, 2) אויפבויאונג און 3) קרעדיט-געבראויכס-און פּראָדוקטיר-קאָאָפּעראַציע. דאָס איז געווען דער ערשטער פּאַקטישער אָנזאָג אויף אַ נייע תקופה. אין אַ חודש שפּעטער דעם 12 — 14 אַפּריל 1921 איז צונויפגערופן געוואָרן די ערשטע קאָנפערענץ פון רעקאָנסטרוקטיווער הילף און צוגלייך אויך די ערשטע קאָנפערענץ פון ד. ד. ק., אויף וועלכער מען האָט זיך דערהויפּט פאַרנומען מיט די פראַגן, ווי אַזוי אויפצוהייבן די חרוב-געוואָרענע יידישע ווירטשאַפט. די אַלע דעבאַטן האָבן זיך געדרייט דער עיקר אַרום דעם הויפּט-פּונקט פון דער קינפּטיקער באַנק, וועלכע וועט דאַרפן פינאַנסירן די אַרבעט און אויך זיין די יורידישע פּערזאָן, וואָס וועט אַרויסגעבן דאָס געלט און איינמאָנען צוריק. די גאַנצע קאָנפערענץ האָט געטראָגן אַ כאַראַקטער פון אַ פאַרבעראַטונג און עס איז באַשלאָסן געוואָרן צונויפצורופן ניט שפּעטער ווי אין צוויי חדשים אַרום אַ צווייטע קאָנפערענץ, לויט אַ פעסטערן מאָדוס, וועלכע זאָל אַקצעפּטירן די אויסגעאַרבעטע פּראָעקטן און אָננעמען די געהעריקע באַשלוסן, וואָס זאָלן געבן די מעגליכקייט תיכף צוצוטרעטן צו דער פּראַקטישער אויפבוי-אַרבעט. אָבער, צום באַדויערן, איז אַריבער אַ לאַנגע צייט — און צו דער אַרבעט איז מען ניט צוגעטראָטן.

דערווייל איז געקומען די הילף — פון יק"א. זי האָט צו דער נויטיקער צייט געפונען אַ פאַרשטענדעניש פאַר דער זאַך און האָט אַלס ענטפער אויפן איבערגעגעבענעם מעמאָראַנדום און אַלס רעזולטאַט פון די מינדליכע געשפּרעכן מיטן ה' מאַירסאָן צוגעשיקט „יעקאָפּאָ" דעם 23-טן יוני 1921 אַ בריוו, אונטערגעשריבן דורך אירע פאָרשטייער אין וואַרשע ה"ה גאָטנזאָן און באַלדע, אין וועלכן זי איז מודיע, אַז עס איז באַפרידיקט געוואָרן די בקשה און עס איז אָסיגנירט אין רשות פון „יעקאָפּאָ" די געבעטענע הלוואה פון 300.000 פראַנק אויף אויפצושטעלן די חורבונות פון דער מלחמה.

מיט דעם איז געלייגט געוואָרן דער יסוד פאַר אַ פּלאַנמעסיקער אויפבוי-אַרבעט אויף געזעלשאַפטליכע יסודות.

## די ערשטע יק"א-אַקציע.

מיטן באַקומען די הלוואה פון יק"א איז די אויפבוי-אַרבעט אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויפן סדר-היום פון „יעקאָפּאָ" אין איר גאַנצער ברייט. אויף דער זיצונג פון 7-טן יולי 1921 האָט זיך קאָנסטרואירט אַ שטענדיקע אויפבוי-קאָמיסיע אין צוזאַמענשטעל פון די ה"ה מ. שאַליט, מ. יעהוזעראָוו, ג. קאָוואַרסקי, ל. זאַקהיים, א. לאַנגבאַרט, א. קליאַנסקי, י. וואַלק, אַדוואָקאַט י. יאַכוועד און אַרכיטעקטאָר פ. סמאָרגאָנסקי, אויף אויסאַרבעטן די געהעריקע פּראָיעקטן פון דער אַרבעט.

אויף די ווייטערדיקע זיצונגען פון „יעקאָפּאָ" זיינען באַשלאָסן געוואָרן די פראַגן, וועלכע זיינען פאַרבונדן מיטן קאָנקרעטן דורכפירן די אַקציע, ווי די געשעפטליכע באַציאונגען צווישן „יעקאָפּאָ" און דער קאָאָפּעראַטיווער פאָלקס-באַנק, פּראָצענטן פאַר די הלוואות, אופן פון אַרויסגעבן די

הלוואות, מאַקסימום פון דער הלוואה און טערמין.

די אויפבוי־קאָמיסיע האָט אויסגעטיילט פון זיך אַ סוב־קאָמיסיע אין צוזאַמענשטעל פון די ה״ה יעווזעראָוו, זאַקהיים, קליאַנסקי און וואַלק, וועלכע האָט זיך פאַרנומען דער עיקר מיט די אינדיווידועלע באַשטימונגען פאַר די בונים.

די באַשטימונגען פלעגן קאָנטראָסיגנירט ווערן דורך דעם גענעראַל־סעקרעטאַר פון „יעקאָפּאָ״ ה׳ מ. שאַליט.

אין פּראָצעס פון דער ווייטערדיקער אַרבעט איז קאָנקרעטיזירט געוואָרן פאָלגענדעס:

א) ר אַ י אָ ן. אַלס אַרבעטס־געביט, אויף וועלכן עס פאַרשפּרייט זיך די אַרבעטס־טעטיקייט פון „יעקאָפּאָ״, איז באַשטימט געוואָרן ווילנער און נאָוואָגרודקער געגנט:

1־טער ראַיאָן: סמאָרגאָן, ווידז, ווילייקע, היידוציִשאָק, זאַסקעוויטש, דיסנע, דרויע, דוקשט, ווישנעווע, לעבעדעווע, פּאָסטאַוו, קרעווע, סאָל, שאַרקאָוושטשיזנע און אַנדערע.

2־טער ראַיאָן: ליובטש, קאַרעליטש, ליאַכאָוויטש, האָראָדישטש, סעליוב, טורעץ, באַריסאָווקע, סטאָלאָוויטש, צירין און אַנדערע.

ב) ב אַ פ ו ל מ ע כ ט י ק ט ע. מיטן ערשטן ראַיאָן האָט זיך פאַרנומען א. קליאַנסקי, מיטן צווייטן ראַיאָן—י. וואַלק. די באַפולמעכטיקטע האָבן זיך דער עיקר באַשעפטיקט מיטן אויספאָרשן אויפן אָרט יעדן בונה באַזונדער און פעסטשטעלן זיינע נויטן און באַדערפעניש. אויפן סמך פון זייערע אויספאָרשונגען זיינען געמאַכט געוואָרן די אַסיגנירונגען. חוץ דעם האָבן די באַפולמעכטיקטע גענומען אַן אָנטייל אין רעסטאַווירן די אינסטיטוציעס, ווי אויך בכלל אין אויפלעבן די געזעלשאַפטליכקייט פון דער שטעטל.

ג) א ו י פ ב ו י ־ ק אָ מ י ס י ע ס. כדי די אַרבעט זאָל געפירט ווערן אין הסכם מיט די פּרינציפּן פון „יעקאָפּאָ״ זיינען פון די הילפס־קאָמיטעטן אויסגעטיילט געוואָרן אָרטיקע אויפבוי־קאָמיסיעס, וועלכע פלעגן זיך איבערגעבן אינגאַנצן מיט דער אויפבוי־אַרבעט. זיי פלעגן אָננעמען בקשות פון די בונים, צוזאַמען מיט די באַפולמעכטיקטע פלעגן זיי אָנטייל נעמען אין אָנמערקן די אַסיגנירונגען, קאָנטראָלירן די אויפבוי־אַרבעט פון די יחידים און האָבן אַ שטענדיקע פאַרבינדונג מיט „יעקאָפּאָ״.

ד) ק ר י י ז ־ ק אָ מ י ס י ע. צוליבן ווייטן מרחק פון נאָוואָגרודקער ראַיאָן איז דורכגעפירט געוואָרן די גאַנצע אויפבוי־אַרבעט אין נאָוואָגרודאָק גופא, ניט באַמיענדיק אויף אַזאַ אופן די בונים קיין



ווילנע. פון דער נאָוואָגרודקער קהילה איז אויסגעטיילט געוואָרן אַ קרייז־קאָמיסיע אין צוזאַמענשטעל פון הרב אַבאָוויטש, מ. אָסטאַשינסקי, שלום כהן און משה שימאַנאָוויטש. די קאָמיסיע האָט אַ סך אויפגעטאָן אין פאַרלייכטערן און פאַרגיכערן די אויפבוי־אַרבעט. הרב אַבאָוויטש און אָסטאַשינסקי זיינען געווען די נאמנים אויף אַרויסצוגעבן די געלט־אַסיגנירונגען, וועלכע זיינען צו יעדער צייט געווען אין זייער רשות. אויף דעם אופן פלעגט דער בונה תיכף באַקומען זיין הלוואה. ווי נאָר ער האָט דורכגעפירט די פאָרמאַליטעטן ביים נאָטאַריוס. שלום כהן איז געווען דער אָנפירער פאַר דעם קאָנטראָל פון דער אַרבעט און שריפטליכע פאַרבינדונגען צווישן „יעקאָפּאָ״ און דער פּראָווינץ, ה׳ משה שימאַנאָוויטש האָט זיך אָפּגעגעבן אינגאַנצן מיט דער יורידישער זייט פון דער אַרבעט און מיטן דורכפירן די גאַנצע פּראָצעדור ביים נאָטאַריוס, עלטערן נאָטאַריוס און היפּאָטעק.

ה) י ו ר י ד י ש ע ק אָ מ י ס י ע. דער פאַרוואַלטער פון דער קאָמיסיע איז געווען אַדוו. יאַכוועד. די קאָמיסיע האָט געהאַט פאָלגנדע צילן: 1) דורכפירן די הלוואות פון די בונים ביים נאָטאַריוס און היפּאָטעק. 2) אין פאַל, אויב די בונים האָבן ניט קיין פּאַפּירן—באַקומען פאַר זיי די נויטיקע דאָקומענטן דורכן געריכט. 3) אונטערהאַנדלונגען וועגן אָנערקענען אַנדערע יורידישע דאָקומענטן, וואָס זאָלן דערמעגליכן דאָס אַרויסגעבן די הלוואה דעם בונה. 4) באַוואָרענען דאָס רעכט פון די פּערזאָנען, וואָס זיצן אויף צינש־ערד, וואו עס דראָט זיי אַ געפאַר פון אָפּנעמען פון זיי די ערד, אויב דער אייגנטימער האָט אָנגעגעבן וועגן אָנערקענען זיין נחלה אין דער היפּאָטעק. 5) אויפקלערן די פאַרשיידענע יורידישע קאָמפּליקאַציעס פון דעם ערד־אייגנטום. 6) אויסאַרבעטן פאָרמולירן פון בקשות צום געריכט וועגן פאַרשיידענע פאָרמען פון ערד־באַזיץ. דאָס אַלץ האָט פאַר זיך אַליין געהאַט אַ גרויסן ווערט, חוץ דעם, וואָס עס האָט פאַרלייכטערט דעם בונה באַקומען די הלוואה. דאָס האָט געהאַט אַ גרויסע נאַציאָנאַל־געזעלשאַפטליכע באַדייטונג פון באַוואָרענען די יורידישע רעכט אויף דער ערד, וועלכע זיינען אין די קליינע שטעטלאַך שטענדיק געווען פאַרלאָזן. ס׳איז לכל הדעות איינע פון די וויכטיקסטע אויפטוען, אומאָפּהענגיק צו די פּערזאָן האָט באַקומען אַ הלוואה אָדער ניט.

ו) צ י י ט ו ו י י ל י ג ע ק אָ מ י ס י ע ס. צוליב דער אינטענסיוויטעט פון דער



אויפבוי אין יאָר 1921—1922 פלעגט מען פון מאָל צו מאָל פילן אַ נויטווענדיקייט אין באַשטימען ספּעציעלע צייטווייליגע קאָמיסיעס מיט פאַרברייטערטע רעכט אָדער ספּעציעלע באַפולמעכטיגטע, וועלכע זאָלן אַ לייגנערע צייט פאַרבלייבן אין ראַיאָן.

אַזוי איז אין יענער צייט באַשטימט געוואָרן אַ צייטווייליקע קאָמיסיע פאַר נאָוואָגרודקער ראַיאָן מיטן זיץ־אָרט אין נאָוואָגרודאָק. אין קאָמיסיע זיינען אַריין הרב מ. אַבאָוויטש, אַדוו. י. יאַכוועד און י. וואַלק, וועלכע האָבן געהאַט די פולע רעכט צו באַשטימען אויף אַן אָרט אַנטגילטיק די הלוואות, גלייך דורכפירן די הלוואות ביים נאָטאַריוס און אַרויסצאָלן דעם בונה תיכף ומיד די סומע. די קאָמיסיע האָט דאָרטן פאַרבראַכט 3 וואָכן צייט און דורכגעפירט אַ גאַנצע ריי הלוואות אין ראַיאָן. אַזאַ קאָמיסיע מיט די זעלבע רעכט איז אויך באַשטימט געוואָרן פאַר דיסנע. און אין איר זיינען אַריין די ה״ה א. קליאַנסקי און מ. אימיאַניטאָוו.

די טובה פון דער אַרבעט האָט אויך געפאָדערט, אַז אין גרעסטן אויפבוי־פונקט פון יענער צייט, אין סמאָרגאָן, זאָל זיך שטענדיק געפינען אַ ספּעציעלער באַפולמעכטיקטער פון „יעקאָפּאָ״. אַלס אַזעלכער איז צום ערשטן באַשטימט געוואָרן ה׳ פ. אַנטאָקאָוויל און נאָכדעם ה׳ ברודנא, וועלכע האָבן דאָרטן פאַרבראַכט צו אייניקע חדשים יעדערער.

ז) ב אַ ר אַ ט ו נ ג ע ן וועגן א ו י פ ב ו י. צוליב דער איינהייטליכקייט פון דער אַקציע, ווי אויך צוליב די נייע פּראָבלעמען, וואָס עס פלעגן פון צייט צו צייט אַרויסגערוקט ווערן אין פּראָצעס פון דער אויפבוי, זיינען צונויפגערופן געוואָרן אין ווילנע 2 פאַכמענישע באַראַטונגען פון פאָרשטייער פון די חרוב־געוואָרענע ערטער, וועלכע האָבן באַהאַנדלט די פראַגן און פעסטגעשטעלט די ריכטליניען פאַר דער ווייטערדיקער אַרבעט. די ערשטע באַראַטונג איז צוזאַמענגערופן געוואָרן דעם 15־טן נאָוועמבער 1921, די צווייטע—דעם 11־טן אַפּריל 1923.

ח) ט ע כ נ י ש ע ב י ו ר אָ. מיט דער טעכנישער זייט פון דער אַרבעט האָבן אָנגעפירט די אינזשענערן פ. סמאָרגאָנסקי און ב. ליפּאָווסקי, מיט דער באַטייליקונג פון צייכנער ה׳ קורגאַן. די פונקציעס פון ביוראָ זיינען געווען פאָלגנדע: 1) צוזאַמענשטעלונג פון פאַרשיידענע פּראָעקטן און פּלענער הן פון געזעלשאַפטליכע בנינים והן פון פּריוואַטע, 2) באַזוכונגען פון די חרוב־געוואָרענע שטעטלאַך מיטן צוועק צו געבן פאַרשיידענע

עצות און אָנווייזונגען. 3) די פאַרפאַרסיקונג פון גאַנצע געביי-טיילן, ווי טירן, פענסטער און דאַכלקעס. 4) צוזאַמענשטעלונג פון פאַרשיידענע ביודזשעטן אויף בעזעלשאַפטליכע בנינים, וועלכע ווערן געבויט דורך „יעקאָפּאָ“.

ס) לאַגער פון מאַטעריאַלן. כדי צו פאַרלייכטערן די בונים אין איינקויפן בוי-מאַטעריאַלן איז איינגעאָרדנט געוואָרן דורך דער טעכנישער ביוראָ אַ ספּעציעלער לאַגער. אין וועלכן עס האָבן זיך געפונען ברעטער, צוועקעס, גלאָז, אַלערליי שמידונג, טירלעך צו אויזגס און נאָך. עס זיינען אויך פאַרפאַרטיקט געוואָרן,—צוליב מאַנגל פון סטאָליאַרעס אין די שטעטלעך,—טירן און פענסטער. אגב איז דאָ געלעגן נאָך אַ מיין: אויסאַרבעטן סטאָליאַרקע לויט אַ באַוואוסטער גרויס, כדי אויף אַזאַ אופן צו פאַרשענערן די בנינים. עס דאַרף אויך דערמאָנט ווערן די דאַכלקעס-פּראָדוקציע, מיט וועלכער „יעקאָפּאָ“ האָט געמאַכט אַ פּרוב סוף 1921. עס זיינען איינגעקויפט געוואָרן ספּעציעלע מאַשינעס צו דעם צוועק, ווי אויך די נויטיקע אויסאַרבעטונגס-מאַטעריאַלן. די דאַכלקעס זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן אין נאָוואָגרודאָק דורך אַ פאַכמאַן ה׳ טשיוש, פאַר יענעם ראַיאָן.

אָבער צוליב פאַרשיידענע סיבות, ווי דאָס פאַלן פון די מקחים אויף סחורה, וואַליוטע-ענדערונגען, דער מצב אין די שטעטלעך, טראַנספּאָרט-און לאָקאַלע באַדינגונגען וכדומה, זיינען דער לאַגער און די דאַכלקעס-פּראָדוקציע איינגיכן ליקווידירט געוואָרן.

י) באַדינגונגען. 1) כדי צו באַקומען אַ הלואה האָבן זיך געפאָדערט נאָטאַריעלע אָדער היפּאָטעקאַרישע באַוואָרעניש. 2) די הלוואות זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן אויף וואוין-הייזער און ווירטשאַפטליכע ביי-בנינים. 3) דער בנין האָט אומבאַדינגט געדאַרפט אַסעקורירט ווערן. 4) דער טערמין פון אויסצאָלן די הלואה איז ניט לענגער פון 5 יאָר. 5) ציגזן פאַר דער הלואה ווערן גערעכנט 9 פּראָצענט יערליך. 6) די גרויס פון דער הלואה האָט לכתחילה דערגרייכט ביז 300.000 מאַרק. די סומע איז, אָבער, שטופּנווייז געהעכערט געוואָרן בהסכם מיטן שטייגנדיקן יקרות אַזוי, אַז אויף אַ בנין האָט די הלואה דערגרייכט, וואַלאָריזירט, ביז 120 דאָלאַר בערך. מען דאַרף נעמען אין אַכט, אַז אין יענער צייט איז דער ווערט פון דאָלאַר געווען באַדייטנד העכער ווי איצט. 7) די הלואה איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין 2 ראַטעס: די ערשטע ראַטע בשעת דער בונה האָט



באַהאַלטן דעם בנין ביי די פענסטער, די צווייטע — ביים דעקן דעם דאַך. אין אַנדערע פאַלן, דער עיקר ביי רעמאָנטן, פלעגט די גאַנצע סומע איבערגעגעבן ווערן אין רשות פון דער אויפבוי-קאָמיסיע, וועלכע פלעגט צאָלן דירעקט די אַרבעטער אָדער איינקויפן מאַטעריאַל פאַרן בונה.

די הלוואות זיינען דאַן אַרויסגעגעבן געוואָרן אין פּוילישע מאַרקן און אומגעקערט געוואָרן אין פּוילישע מאַרקן, וועלכע ניט איז וואַליוטע-פאַרזיכערונגען זיינען לויט די גילטנדע געזעצן דאַן ניט געווען מעגליך, און ווען קיין שום דעוואַלוואַציע האָט מען ניט געטראַכט און אויך ניט געקענט, צוזאַמען מיט דער גאַנצער מלוכה, איר פאַרהיטן, ווען זי איז געקומען.

די יק״אַ-געלטער האָבן, ווי געזאָגט, געגעבן די מעגלעכקייט צו אַנטוויקלען די אויפבוי-טעטיקייט אין אַ גרויסן מאַסשטאַב.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פיבערהאַפטע אַרבעט אין די שטעטלעך. האַק און האַמער האָבן פאַרהילכט די לופט. די קבוצים האָבן זיך פאַרמערט און געוואַקסן. במילא האָט זיך גענומען פילן אַ מאַנגל אין בנינים פאַר פאָלקס-שולן, פייערלעשעריי, בעדער און צייטווייליקע געזעלשאַפטליכע בנינים פאַר היימלאָזע. ספּעציעלע מיטלען האָט „יעקאָפּאָ“ להלוטן ניט געהאַט אויף די צוועקן. האָט מען קאָמבינירט: אַנטקעגנגעקומען מיט הלוואות אויף דער אחריות פון קהל, רעמאָנטירט אַלטע בנינים וכדומה.

די אַרבעט האָט זיך וואָס פון טאָג פאַרצווייגט און פאַרברייטערט. עס זיינען אויפגעשוואומען נייע פּראָבלעמען הן בנוגע יחידישע הייזער והן געזעלשאַפטליכע. די פראַגן פון באַזאָרגן אַ ל ץ און אַ ל ע מ ע ן זיינען געוואָרן זייער אַקטועל און האָבן געמוזט געפינען זייער גואל. די אָנגענומענע מיטלען האָבן געהאַט אַן ערפאָלג פאַר דער זאַך. דאָס זיינען, אָבער, קאַפּיטלען פאַר זיך.

פאַר די צייט איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון די יק״א-געלטער בערך 163,189.000 מאַרק אָדער, וואַלאָריזירט, בערך 38800 דאָלאַר אויף בויען 791 וואוין-הייזער, 9 רעמאָנטן פון פאָלקסשול-בנינים, 5 רעמאָנטן פון בעדער, 2 געזעלשאַפטליכע בנינים, 1 ברוגים און מכשירים פאַר פייערלעשעריי.

לאַנדאָנער אַקציע.

מיר האַלטן פאַר נויטיק צו דערמאָנען מיט אייניקע ווערטער וועגן דעם, וואָס ס׳איז אויפגעטאָן געוואָרן אין הינזיכט פון אויפבוי-צוועקן אויף די געל-



טער פון לאָנדאָנער אוקראַינער קאָמיטעט, הגם די אַקציע פון דעם קאָמיטעט האָט זיך, הויפּטזעכליך, אויסגעדריקט אין געבן מאַטעריעלע היקף די אוקראַינער היימלאָזע און מיט דער אויפבוי-אַרבעט האָט עס פאָרמעל קיין שייכות ניט געהאַט.

„יעקאָפּאָ“ האָט, אָבער, בהסכם מיט אירע פּרינציפּן אויך דאָ מיטגעהאָלפן אייניקע געליטענעאין אוקראַינע רעפּאַטריאַנטן אויפצובויען זייערע הייזער, און האָט אויך באַנוצט אַ טייל געלט אויף בויען די געזעלשאַפטליכע בנינים פאַר היימלאָזע.

בסך-הכל איז פון די לאָנדאָנער געלט אַרויסגעגעבן געוואָרן 5526000 מאַרק אָדער, וואַלאָריזירט, בערך 1670 דאָלאַר, אויף בויען 9 וואוין-הייזער, 5 געזעלשאַפטליכע בנינים, 2 רעמאָנטן פון בעדער, 2 אייזקעלערס און 1 רעמאָנט פון אַ פאָלקסשול.

ד. ד. ק.-היימלאָזע-דעפּאַרטאַמענט.

(רעעמיגראַנטן-אויפבוי-אַקציע)

אין דערוועלבער צייט, ווען די אַרבעט אין רעקאָנסטרוקטיוון דעפּאַרטאַמענט איז געווען פאַראַליזירט און האָט אפילו געבראַכט צו דער פונאַנדערלאָזונג פון געזעלשאַפטליכן צענטראַל-קאָמיטעט פאַר אויפבוי, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אויף דער אַפּריל-קאָנפערענץ, איז די היימלאָזע-אָפּטיילונג פון ד. ד. ק. געגאַנגען איר וועג און פיבערהאַפט געאַרבעט אויף אַלע געהעריקע געביטן. אויסצייכענענדיק זיך מיט געזונטע מעטאָדן פון איר טעטיקייט און שטיצנדיק זיך אויף לעבעדיקע אָרטיקע כוחות, וועלכע זיינען בלב ונפש געווען איבערגעגעבן דער זאַך. חוץ זיין איינגעלליכער ניכער הילף, אַלס פילאַנטראָפּישע אַקציע, וועלכע דער היימלאָזע-דעפּאַרטאַמענט פון ד. ד. ק. אין פוילן האָט אַנטוויקלט אין ברייטן פאַרנעם און מיט גרויס ערפאָלג, האָט נאָך דער דאָזיקער דעפּאַרטאַמענט, אונטערן דרוק פון די געשעענישן, זיך פאַרנומען מיט אַ ריי פּראָדוקטיווע אַרבעטן אויפן היימלאָזע-געביט. צו די דאָזיקע קאָנסטרוקטיווע אַרבעטן געהערן בלי ספק די אַסיגנירונגען אויף הייזער-אויפבוי פאַר די שוואַכסטע גרופּעס פון די רעעמיגראַנטן, וואָס איז איינגעשלאָסן געוואָרן אַדאַנק „יעקאָפּאָ“, אַלס טייל פון דער היימלאָזע-אַרבעט פון ד. ד. ק.

א. הייזער-אויפבוי.

„יעקאָפּאָ“ האָט זיך גענויטיקט אין די אַסיגנירונגען צוליב פאָלגנדע טעמים: לויט די תנאים פון יק״א האָט דער בונה געקענט באַקומען די הלואה, נאָר בעת ער האָט געהאַט לכל הפחות אייגענע

# די וואינונגען פון די יידישע רעפּאַטריאַנטן ביז דער אויפבויאונג.





רעעמיגראַנטן-פאַמיליעס וואוינען אין אָקאָפּעס, טראַנשייעס, איבערגעבליבענע פון דער דייטש-רוסישער מלחמה (סמאָרגאָן).





רעעמיגראַנטן-פאַמיליעס וואוינען אין קעלער-חורבות פון געוועזענע מויערן (סמאָרגאָן).



אַ רעעמיגראַנטן-פאַמיליע וואוינט אין אַ קעלער, וואו מען פלעגט האַלטן קאַרטאָפל (סמאָרגאָן).



אַ רעעמיגראַנטן-פאַמיליע וואוינט אין אַ צונויפגעקלאַפּטן צייטווייליקן טשולאַן (סמאָרגאָן).

געהילץ. דאָס געלט פלעגט אַרויסגעגעבן ווערן דעם בונה ביים האַלטן דעם בנין ביי די פענסטער. ערשטנס, צוליב זיכערקייט, אַז דאָס געלט וועט פאַרטאָן ווערן נאָר אויפן בנין און צוליב וועקן די איניציאַטיוו פון בונה און, צווייטנס, צוליב דעם, אַז דער בונה זאָל זיין מער פאַראינטערעסירט אין ענדיקן דעם בנין, וויבאַלד ער לייגט אַריין אין אים אייגענע קאַפּיטאַלן. עס זיינען, אָבער, געווען צווישן די רעעמיגראַנטן אַזוינע פאַמיליעס, מערסטנטייל אָקאָרשט צוריקגעקערטע פון רוסלאַנד, וועלכע האָבן ניט געהאַט די ערשטע פּרוטה אויף דערנערונג. וועגן געהילץ קויפן איז אָפּגערעדט. די פּערזאָנען פלעגן זיך אַריינקלייבן אין די געזעלשאַפטליכע בנינים, וועלכע זיינען דורך „יעקאָפּאָ" ספּעציעל צוגעגרייט געוואָרן אָדער, בלית ברירה, אין קעלערן אָדער חורבות. כמעט זיי אַלע פלעגן באַקומען תמיכה. פאַרשטייט זיך, אַז בויען הייזער איז פאַר דעם עלעמענט געווען אַ גאָר ווייטער אידעאַל. לאַנג, אָבער, האָט די לאַגע אַזוי ניט געקענט בלייבן. מען האָט געמוזט געפינען אַן עצה. אַרויסגיין פון דער שווערער לאַגע איז געווען מעגליך נאָר באופן, אַז מען זאָל געפינען אַ קוועלע אויף אויסצולייזן די ערשטע סומעס, ספּעציעל אויף געהילץ פאַר די באַטרעפענדע בונים.

אין דער עת צרה האָט זיך אָפּגערופן דער היימלאָזע-דעפּאַרטאַמענט פון ד.ה.ק. אין וואַרשע.

דעם 11-טן מאַי 1922 איז דערלאַנגט געוואָרן דעם אויבנדערמאָנטן דעפּאַרטאַמענט אַן אויספירליכער מעמאָראַנדום, אין וועלכן עס זיינען ברייט איבערגעחזרט געוואָרן די מאָטיוון, וועלכע ה' שאַליט האָט פאָרמולירט מונדליך מיט אַ קורצער צייט פריער, זייענדיק ספּעציעל דעלעגירט צוליב דעם קיין וואַרשע. נאָכדעם איז באַלויכטן געוואָרן מיט ציפער און פאַקטן די נויטווענדיקייט, וואָס ניכער צו בויען הייזער פאַר רעעמיגראַנטן: „ס'האַנדלט זיך, ווערט דאָרט בעזאַגט, וועגן אויפבויען הייזער, ניט בכלל אַלס בוי-אַקציע, נאָר אויסשליסליך פאַר רעעמיגראַנטן, וואָס זיינען אין משך פון לעצטן יאָר בעקומען נאָך יאָרן נע-ונד און אומגעהויערע יסורים, צוריק אין זייערע היימען, וואו זיי האָבן געפונען חורבות און זיינען געצוואונגען גרעסטנטיילס צו וואַלגערן זיך אין די געוועזענע דייטשע אָקאָפּעס אָדער אין געזעלשאַפטליכע בנינים, וואו אַזוינע זיינען שוין פאַראַן. די אויפבויאונג פון הייזער פאַר די עלעמענטן איז די איינציקע און זיכערסטע פאָרם צו שאַפן פאַר זיי אַ מענטשליך לעבן און שטעלן זיי אויף די אייגענע פיס אָן קיין שום נויטיקייט פון אַ וועלכער ניט איז שטיצע אויף ווייטער. אַזאַ אַרבעט איז געוויס די דירעקטע אויפגאַבע, אין ברייטן און מער קאָנסטרוקטיוון זין, פון דער היימלאָזע-אָפּטיילונג פון ד. ד. ק., וועלכע קען באַטראַכטן די אַקציע אַלס שנעלע אויפבויענדיקע הילף".

ווייטער רעדט זיך וועגן דעם, אַז די אַקציע פון יק"א, וועלכע האָט זיך זייער גוט איינגעגעבן, באַווייזט די פולשטענדיקע ריכטיקייט פון דער הנחה, אַז די אויפשטעלונג פון הויז איז אַ זיכערע עקסיסטענץ פאַר דעם רעעמיגראַנט; אַז אַדאַנק דער הילף וועט ניט נאָר אויפגעטאָן ווערן אַ גרויסע זאַך אויף לאַנגע צייטן, נאָר מען וועט זיך גלייכצייטיק באַפרייען אויף שטענדיק פון אַ גרויסער צאָל פּאַטיענטן.

אין זעלבן מעמאָראַנדום איז שוין אויך אָנגעמערקט געוואָרן די פראַגע וועגן געזעלשאַפטלעכע בנינים פאַר רעעמיגראַנטן און בנינים פאַר פאָלקסשולן. דער טראַפּ איז, אָבער, געשטעלט געוואָרן אויף הייזער פאַר יחידים.

דער מעמאָראַנדום האָט אַרויסגערופן אַ לעבעדיקע פאַראינטערעסירונג הן מיטן חדוש פון פּראָיעקט והן מיט זיין וויכטיקייט. דער פאַרשטייער פון דער היימלאָזע-אָפּטיילונג פון ד. ד. ק. אין ווילנע, ה' יוסף ווערניק, באַזוכנדיק אָפּט די אויפבוי-פּונקטן און אויף דעם אופן זייענדיק נאָענט באַקאַנט מיט די נויטן און עלעמענטאַרע באַדערפענישן פון די היימלאָזע, האָט געשטיצט שטאַרק דעם מעמאָראַנדום. דאָס אַלץ האָט באַוואויגן די היימלאָזע-אָפּטיילונג ערנסט צו באַטראַכטן דעם פּראָיעקט. אין אַ קורצער צייט אַרום האָט דער דירעקטאָר פון היימלאָזע-דעפּאַרטאַמענט אין אייראָפּע ה' בערנהארד כהן באַזוכט ווילנע און נאָכדעם סמאָרגאָן, כדי פּערזענליך צו באַקאָנען זיך מיט דער לאַגע. אַלס רעזולטאַט פון דער נסיעה איז בעשלאָסן געוואָרן דעם 22-טן מאַי 1922 צווישן „יעקאָפּאָ" און ד.ד.ק. אַ צייטווייליקער אָפּמאַך, וועלכער איז נאָכדעם מיט קליינע שנויים באַשטעטיקט געוואָרן, וואָס האָט געגעבן די מעגלעכקייט אָנצוהויבן אַ נייע אויפבוי-אַקציע, וועלכע מיר באַצייכענען מיטן טערמין: „רעעמיגראַנטן-אַקציע".

די וויכטיקסטע פּונקטן פון אָפּמאַך זיינען פאָלגנדע:

1) די היימלאָזע-אָפּטיילונג פון ד.ד.ק. אַסיגנירט אויף דער אַקציע 100,000,000 מאַרק.

2) די גאַנצע אויפבוי-אַקציע האָט אַלס אויסגאַנגס-פּונקט די שנעלע און ממשות'דיקע באַזאָרגונג מיט הייזער אַ וואָס גרעסערע צאָל אומפאַרמעגליכע רעעמיגראַנטן און אין דער ערשטער ריי רעעמיגראַנטן, וואָס האָבן אַ פּראָדוקטיווע באַשעפטיקונג, דהיינו: בעלי-מלאכות, אַרבעטער, ערד-אַרבעטער, קרעמער.

3) דאָס געלט ווערט געגעבן די בונים אַלס הלוואות אין דער נאָרמע פון דורכשניטלעך 500,000 מאַרק אויף 5 יאָר. אין די פאַלן, ווען די אויפבויאונגס-קאָמיסיע פון „יעקאָפּאָ" געפינט פאַר נויטיק, קענען אַרויסגעגעבן ווערן גרעסערע הלוואות ביז 1,000,000 מאַרק מיט אַ פּראָלאָנגאַציע פון 5 אויף 7 יאָר.

4) די סומע, וואָס ווערט אַרויסגעגעבן דעם בונה, דאַרף באַטרעפן בערך ביז 75 פּראָצ. פון דער אַלגעמיינער סומע, וואָס באַטרעפט דער בנין.

5) עס ווערט אָנערקענט פאַר אומבאַדינגט נויטיק, אַז אין יעדן ניי-אויפגעבויטן בנין זאָל דער בונה אַריינלאָזן אַ שכן, לויט די אָנווייזונגען פון דער אויפבוי-קאָמיסיע פון „יעקאָפּאָ" צוזאַמען מיטן אָרטיקן קאָמיטעט.

6) אין אויסנאַמס-פאַלן (אויב דער בונה באַזיצט ניט קיין פּאַפּירן) קען מען זיך אויך באַנוצן מיט זשיראַנטן.

7. די נאָטאַריעלע הוצאות אויף באַוואָרענען די הלוואות ווערן געדעקט פון דער היימלאָזע-אָפּטיילונג פון דזשוינט.

אין אָפּמאַך זיינען קענטיק די פאַרשיידענע הנחות, וועלכע זיינען געמאַכט געוואָרן די רעעמיגראַנטן-בונים, לגבי די לווים פון יק"א-פאָנד: די הלוואה אַ גרעסערע; אַ לענגערער טערמין פון אויסצאָלן די הלוואה; די, וועלכע האָבן ניט קיין פּאַפּירן, באַקומען די הלוואה אויף זשירעס, אָבער דערפאַר דאַרפן זיי קאָמפּענסירן מיט אַ פּונקט לטובת די פּערזאָנען, וועלכע האָבן בשום אופן קיין מעגליכקייט ניט צו בויען אַ הויז: למשל, צוליב אַלטקייט, אָדער האָבן קיין פּלאַץ ניט. די פּערזאָנען מוזן אַריינגענומען ווערן אַלס שכנים, פאַרשטייט זיך, פאַר ניט קיין גרויסע דירה-געלט.

דער רעזולטאַט פון דער אַרבעט איז געווען אַ גלענצענדער. עס האָבן זיך איינגעאָרדנט אַ סך רעעמיגראַנטן-פאַמיליעס און דער ציל איז דערגרייכט געוואָרן.

אין משך פון דער צייט, צוליב דער אינטענסיוויטעט און ערפאָלג פון דער אַקציע, האָט דער ד. ד. ק. געגעבן אַ הוספה-אַסיגנירונג, וואָס האָט געמאַכט מעגליך די אַרבעט צו פאַרענדיקן.

די איבעריקע פונקטן, וועלכע זיינען באַרירט געוואָרן אין מעמאָראַנדום, — בנינים פאַר פאָלקסשולן און געזעלשאַפטליכע בנינים — זיינען געבליבן ניט פאַרענטפערט.

דעם 2—3 אווגוסט 1922 האָט חילגע און סמאָרגאָן באַזוכט דער דירעקטאָר פון היימלאָזע־דעפּאַרטאַמענט אין פוילן ה׳ ז. שווייצער. „יעקאָפּאָ״ האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט און איינגעאָרדנט דעם 3־טן אווגוסט 1922 אַ געמיינזאַמע זיצונג, אויף וועלכער ס׳איז דעצידירט געוואָרן דער גורל אויך פון די איבנדערמאָנטע ענינים אין פּאָזיציון זין.

ב. בנינים פאַר קינדער (פאָלקסשולן).

די פראַגע וועגן בנינים פאַר פאָלקסשולן האָט געהאַט פאַר די חרובע שטעטלעך אַן ערשטקלאַסיקע באַדייטונג.

די קינדער פלעגן זיך וואַלגערן אין די גאַסן און דעמאָראַליזירט ווערן אונטער דער שלעכטער השפעה פון די שטעטלשע מערק.

פריער איז שוין פאַרנאָטירט געוואָרן, אַז „יעקאָפּאָ״ האָט אָנגענומען מיטלען די זאַך צו ערליידיקן. דאָרט איז, אָבער, בענאַנגען דער עיקר וועגן רעמאָנטירן אַלטע בנינים, אויף וואָס ס׳האָבן זיך געפאָדערט קליינע סומעס און „יעקאָפּאָ״ האָט געהאַט ביכולת צו לינדערן די נויט פון אייגענע אָפּגעשפּאָרטע מיטלען אָדער אַנדערע באַגרעניצטע קוועלן. איצט האָט זיך, אָבער, געהאַנדלט וועגן אַ ברייטן פּאַרנעם. וועגן בויען ספּעציעלע בנינים פאַר פאָלקס־שולן, אלס אָקציע צו ראַטעווען די רעעמיגראַנטן־קינדער. אין זין פון ביכער הילף און ניט אויף קרעדיט־יסודות.

אייגנטליך איז דאָ פאַרשטאַנען געוואָרן די אַקציע ניט נאָר אלס אויפבויאונג פון פאָלקסשולן, נאָר ברייטער — פון „בנינים פאַר קינדער״. וואו זיי זאָלן זיך אויפהאַלטן אַ גאַנצן טאָג אונטער דער השגחה פון דערציער און אויסגעהיט ווערן פון די הפקרות פון גאַס.

דער געדאַנק איז ברייט פאָרמולירט געוואָרן דורך די ה״ה מ. שאָליט און י. וואַלק אויף דער איבנדערמאָנטער זיצונג, וואו ס׳האָט סוף כל סוף מנצח געווען דער שטאַנדפונקט פון „יעקאָפּאָ״ און ה׳ ז. שווייצער האָט מבטיח געווען צו אַסיגנירן אויף דעם צוועק אַ געהעריקע סומע געלט.

מיט דעם איז בעלייגט געוואָרן דער גרונטשטיין פאַר די קינפטיקע פאָלקס־בנינים, וועלכע זיינען געוואָרן אַ מזל־ברכה פאַר דער שטעטל. די בנינים האָבן אין זיך קאָנצענטרירט חוץ דעם



אינטערנאַט אָדער דער פאָלקס־שול אויך די ביבליאָטעק, דראַמאַטישן קרייז, ועד הקהל און פאָלקס־באַנק. דער פּלאַן פון בנין איז קאָמבינירט געוואָרן אַזוי, אַז אַלע אַנשטאַלטן זאָלן אין אים געפינען געהעריק פּלאַץ. די ערשטע סומע געלט איז, פאַרשטייט זיך, געווען נאָר אַ גוטע התחלה. די בנינים האָבן איינגעשלונגען אַ שלל געלט, נאָר דאָס איז אַלץ כלא, לגבי די גוואַלדיקע נוצן, וואָס זיי האָבן געבראַכט אין שטעטל, אַריינטראָגנדיק אין איר לעבן און מונטערקייט און גרופירנדיק אַרום זיך דאָס שענסטע און דאָס בעסטע פון די לעבעדיקע כחות, וואָס די שטעטלעך פאַרמאָגן.

די אָרטיקע קהילות, איז חוץ דעם, וואָס זיי האָבן גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין בויען די בנינים, האָבן אויך געגעבן די פּלעצער פאַר די בנינים.

בענויער וועגן די בנינים ווערט גערעדט אין אַ ספּעציעלן אַרטיקל.

ג. געזעלשאַפטליכע בנינים.

דאָ האַנדלט זיך וועגן אַ מקום־מקלט פאַר רעעמיגראַנטן אויף דער קורצער צייט, וואָס זיי דאַרפן פאַרברייננגען, ביז זיי וועלן אויסבויען זייערע בנינים. דער היינט איז אייגנטליך שוין בעלייזט געוואָרן פון פריער אַדאַנק אייגענע מיטלען אין דער עיקר די יק״א־הלואות, וואָס איז צו זען פון די פאָריקע קאַפּיטלעך. דאָ האָט זיך גערעדט וועגן מאָרגן, פאָראויסזעענדיק אַ מעגליכן צופלוס פון נייע רעעמיגראַנטן. מען האָט בעדאַרפט צוגרייטן בנינים, כדי מען זאָל ניט געשטעלט ווערן פאַר אַ קאַטאַסטראָפע. היות ווי דער עיקר־צופלוס איז געווען מעגליך פאָרלויפיק אין סמאָרגאָן, איז רעמאָנטירט געוואָרן צו דעם צוועק די דאָרטיקע שעכט־הויז, ווי אויך אַ ריי אַנדערע בנינים.

ד. אַנדערע מינים אויפבוי־הילף.

„יעקאָפּאָ״ האָט אויך אויף די מיטלען פון דער היימלאָזע־אָפּטיילונג פון ד.ד.ק. מיטגעהאָלפן אויפצובויען 5 בעדער אין די חיכטיגערע רעעמיגראַנטן־שטעטלעך. אַדאַנק דער התחלה זיינען די בעדער נאָכדעם אַנטבילטיק פאַרענדיגט געוואָרן אויף די מיטלען פון דער מעדיצינישער אָפּטיילונג פון ד. ד. ק.

עס דאַרף אויך דערמאָנט ווערן אַן אויסנאַמס־פאַל, אַז בעת זומער 1922 האָבן אין גלובאָקע אָפּגעברענט קרוב צו 100 הייזער, האָט זיך איינגעגעבן ווירקן אויף די היימלאָזע־אָפּטיילונג פון ד. ד. ק., אַז זי זאָל אַסיגנירן בתורת הלואה אַ גרעסערע סומע געלט אויף אָפּ־



צובויען די חורבות, הגם די בונים זיינען ניט געווען קיין דירעקטע מלחמה־קרבנות.

כדי צו געבן אַ פולשטענדיקן בילד פון דער אויפבוי־טעטיקייט פון מיר צום סוף דערמאָנען אויך די אַסיגנירונגען אויף יהידישע בנינים פון קריסטן.

אין דער אויפבוי־אַרבעט האָט מען זיך אָפּט אָנגעשטויסן אויף דער ערשיינונג, וואָס קריסטן פלעגן זיך ווענדן נאָך הלוואות און די יידישע באַפעלקערונג פלעגט שטיצן זייערע בקשות.

אויף דעם צוועק איז אַסיגנירט און אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ געוויסע סומע געלט.

פון די סומעס, וואָס זיינען אַסיגנירט געוואָרן אויף אויפבוי דורך דעם היימלאָזע־דעפּאַרטאַמענט פון ד. ד. ק., האָט „יעקאָפּאָ״ אַרויסגעגעבן אויף בויען 176 וואוין־הייזער, 9 בנינים פאַר קינדער (פאָלקסשולן), 5 רעמאָנטן פון בעדער און 3 געזעלשאַפטליכע בנינים, ס״ה, האַלאַריזירט, בערך 41600 דאָלאַר.

ד. ד. ק. קאָנסטרוקטיווער דעפּאַרטאַמענט.

א. ערשטע אַקציע.

אָנהייב אווגוסט 1922 איז דער קאָנסטרוקטיווער דעפּאַרטאַמענט פון ד.ד.ק. ענדליך צוגעטראָטן צו ממשותדיקער אַרבעט.

„יעקאָפּאָ״ האָט גערן אָנגענומען דעם פאָרשלאַג פון דירעקטאָר פון אָנגערופענעם דעפּאַרטאַמענט, ה׳ פ ר ו י נ ד וועלכער האָט סוף אווגוסט 1922 איינגעלאַדן אַ פאָרשטייער פון „יעקאָפּאָ״ קיין וואַרשע מיטן ציל צו פירן אונטערהאַנדלונגען וועגן הלואות פאַר די בונים.

איינצייטיק האָט „יעקאָפּאָ״ אויסגעאַרבעט אַ פּראָיעקט מיט די געהעריקע דאַטן פאַר דער ווייטערדיקער אַרבעט. אין פּראָיעקט איז, אגב, אויך אָנגעוויזן געוואָרן, אַז די קאָנסטרוקטיווע אַרבעט דאַרף זיך ניט באַגרעניצן מיטן אויפבוי בלויז פון הייזער און ביי־בנינים, נאָר זי דאַרף זיך אויך פאַרשפּרייטן אויף רעסטאַווריר֒ן בנינים פון קלענערע פאַבריקן און וואַרשטאַטן, וועלכע וועלן פונקציאָנירן און באַרייכערן די געגנט, ווידער אויפשטעלן די יידישע חרובע ווירטשאַפט און פאַרשטאַרקן דערמיט די עקאָנאָמישע פּאָזיציעס.

ה׳ שאָליט, וועלכער איז דורך „יעקאָפּאָ״ דעלעגירט געוואָרן קיין וואַרשע, האָט דערגרייכט אַן אָפּמאַך מיט דער קאָנסטרוקטיווער אָפּטיילונג, לויט וועלכן עס איז בעזיכערט געוואָרן אַ סומע פון 300,000,000 מאַרק אויף הייזער. דאַקעגן איז דער פּלאַן וועגן אויפשטעלן די אינדוסטריעלע בנינים ניט פאַרווירקליכט געוואָרן.

# טיפּן פון אויפגעבויטע בנינים אין די חרוב-געוואָרענע פון דער מלחמה שטעטלעך.



די רעעמיגראַנטן-פאַמיליע פון ש. ק. (אלמנה) וואוינט אין אַ קליינער צייטווייליג-אויפגעבויטער כאַטקע. רעכטס זעען זיך די רואינען פון אַלטן ליטווישן שלאָס. לינקס—אַן אָקאָפּע, הינטער וועלכער ס'זעט זיך אַ טייל פון דער אויפ-געבויטער געמויערטער באָד (קרעווע).



די אויפגעבויטע הויז פון ג. ס. (ליובטש).



רעכטס — די אויפגעבויטע הויז פאַר היימלאָזע. אין צענטער — דער רעמאָנטירטער בית-מדרש, אין וועלכן ס'פלעגן צייטווייליק באַזעצט ווערן די ניי-אָנקומענדיקע רעפּאַטריאַנטן. לינקס — דער חרוב-געוואָרענער בית-מדרש (סמאָרגאָן).



די אויפגעבויטע הויז פון א. כ. (קאַרעליטש).



רעכטס—די אויפגעבויטע געמויערטע באָד. לינקס—די חרוב-געוואָרנצע באָד (סמאָרגאָן).



די אויפגעבויטע הויז פון ר. ק. (ליאַכאָוויטש).

די אַרבעט האָט זיך געפירט זייער אינטענסיוו. עס איז געווען די הייסע צייט פון דער אויפבוי. הונדערטער הייזער האָבן זיך געהאַלטן אין מיטן בויען אויף די מיטלען פון אַלע 3 פאָנדן: יק"ג, „רעעמיגראַנטן" און „קאָנסטרוקטיווע". צענדליקער מענטשן פלעגן שטענדיק באַלאַגערן „יעקאָפּאָ" מיט בקשות וועגן בויען הייזער. מען דאַרף מודה זיין, אַז די באַציאונג פון דער קאָנסטרוקטיווער אָפּטיילונג פון ד. ד. ק. צו „יעקאָפּאָ" איז צו יענער צייט געווען זייער אַ גוטע. אַלע בקשות פלעגן ערפילט ווערן און עס זיינען ניט געמאַכט געוואָרן קיינע שום שוועריקייטן אין דער אַרבעט.

סוף 1922 איז דורך „יעקאָפּאָ" צוגעשטעלט געוואָרן אַ מעמאָראַנדום, אין וועלכן עס איז אָנגעוויזן געוואָרן אויף די נויטן פון די שטעטלעך צוגלייך מיט אַסעקוראַציע אויך אין פייערלעשריי-מכשירים, נעמענדיק דערהויפּט אין באַטראַכט, אַז די הייזער זיינען הילצערנע און אָנהייזנדיק אויף די גוואַלטיקע סכנה פון שריפות אין אונזערע שטעטלעך, וואו די אויפבוי-אַרבעט קען אין איין אומגליקליכן טאָג פאַרניכטעט ווערן. דער מעמאָראַנדום איז אויפגענומען געוואָרן זייער ערנסט און אין דער הינזיכט האָט געזאָלט אַ סך געטאָן ווערן.

ליידער, איז ניט באַשערט געווען, אַז די אַרבעט זאָל זיך רואיק און נאָרמאַל אַנטוויקלען. דער פוילישער מאַרק איז געפאַלן פון טאָג צו טאָג און די לאַגע פון דער אויפבויאונגס-אַקציע איז צוליב דעם געוואָרן אַ קאַטאַסטראָפאַלע. אַנשטאָט די אַנטליענע גרויסע סומען האָבן זיך געזאָלט אומקערן נישטיקע מטבעות, וואָס עס וואָלט אוממעגלעך געמאַכט צו געבן ווייטערדיקע אַסיגנירונגען.

די אויפבוי-אַרבעט פון ד. ד. ק. האָט זיך דערווייל פאַרשפּרייט, ווי מען האָט געקענט פאַראויסזען, אין גאַנץ גאַליציע און אויף די מזרח-קרעסן און עס האָט געזאָלט אַנטשטיין אַ גראַנדיעזע אַקציע.

דאָס אַלץ האָט געפאָדערט אַ באַזונדערע באַציאונג צו דער ווייטערדיקער אַרבעט. מען האָט געמוזט אויסגעפינען מיטלען, ווי אַזוי זיך זיכערן פון דער אַנטווערטונג פון פוילישן מאַרק און אויך אויסאַרבעטן פלענער בהסכם מיט דער פאַרברייטערטער אויפבוי-אַרבעט.

צו דעם צוועק איז צונויפגערופן געוואָרן אַ קאָנפערענץ פון די אַלע פּאַקטישע טוער אויף דעם געביט, ווי אויך כלל-טוער, וועלכע זאָלן געמיינזאַם באַטראַכטן די אויבנדערמאָנטע וויכטיקע פּראָבלעמען.



ב. אויפבוי-קאָנפערענץ.

די אויפבוי-קאָנפערענץ איז צונויפגערופן געוואָרן אויפן 10—9-טן מאַי 1923 אין וואַרשע, און אין איר האָבן זיך באַטייליגט בערך 60 דעלעגאַטן.

ביידע טעג האָבן געאַרבעט קאָמיסיעס פון פאַך-מענער און אַלס רעזולטאַט פון זייער אַרבעט זיינען אָנגענומען געוואָרן, צווישן אַנדערע, רעזאָליוציעס, וועלכע האָבן געזיכערט די ווייטערדיקע אַרבעט.

די וויכטיגסטע פון די רעזאָליוציעס זיינען פאָלגנדע:

1. „די הלואות אויף אויפבויאונג זאָלן אַרויסגעגעבן ווערן אין פוילישע זלאָטעס, באַוואָרענענדיק זיי מיט היפּאָטעק. 2. די מאַקסימאַלע גרויס פון אַ הלואה קאָן ניט איבערשטייגן דעם ווערט פון 200 דאָל. 3. דער מאַקסימאַלער טערמין, אויף וועלכן עס קען אַרויסגעגעבן ווערן אַ הלואה, איז 7 יאָר. 4. פאַר דער הלואה ווערט גענומען 6 פּראָצענט יערליכע (חוץ אַדמיניסטראַטיווע הוצאות). 5. ביים בויען די הייזער מוזן אָפּגעהיט ווערן אַ ריי טעכנישע און היגיענישע באַדינגונגען. 6. די קאָנפערענץ באַשליסט, אַז אין אויסנאַמס-פאַלן קען מען אַרויסגעבן 250 זלאָטעס אויף זשירעס. 7. בונים-רעפּאַטריאַנטן, וואָס האָבן זיך אומגעקערט, אָנהויבנדיק פון יולי 1922, זאָל מען קענען אַרויסגעבן הלואות ביז 75 פּראָצ. פון ווערט פון בנין."

אייגנטליך, זיינען די אויבנדערמאָנטע תנאים פאַר „יעקאָפּאָ" ניט געווען קיין נייס. נאָך פריער, דעם 11-טן אַפּריל 1923 יאָר, האָט „יעקאָפּאָ" צונויפגערופן אַ באַראַטונג פון פאַרשטייער פון די חרוב-געוואָרענע ערטער אין איר ראַיאָן וועגן די נייע אויפבוי-באַדינגונגען. אויף דער דאָזיקער באַראַטונג איז שוין אַרויסגעזאָגט געוואָרן די פּרינציפּיעלע הסכמה, אַז די הלואות דאַרפן אַרויסגעגעבן ווערן נאָר אין אַ פעסטער וואַליוטע, וואָס זאָל זיכערן די אויפבויאונג פון אַלע בונים.

דער פּראָיעקט און רעזאָליוציעס זיינען פון דער קאָנפערענץ איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייער פּרק אין דער געשיכטע פון דער אויפבויאונגס-אַרבעט.

ג. צווייטע אַקציע.

די האָפענונג, וואָס מען האָט געלייגט אויף דער אַקציע, איז געווען זייער אַ גרויסע. מען איז צוגעטראָטן צו דער אַרבעט מיט אַ קאַפּיטאַל פון 400.000 דאָלאַר פאַר גאַנץ פוילן, וועלכע זיינען געווען גאַראַנטירט פון אַ מעגליכער אַנטווערטונג.

עס איז אַריינגעטראָגן געוואָרן אַן איינהייטליכקייט פאַר אַלע ראַיאָנען, עס



איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ גענויע קאָנקרעטיזירטע אַנקעטע, וועלכע האָט בולט פעסטגעשטעלט די אַלע נויטיקע ידיעות, וואָס זיינען נוגע דער פּערזאָן, פּלאַן פון בנין, ערד-באַזיץ, יורידישע זייט און אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות צום בונה.

אָן אויפבוי-אַרבעט אין גרויסן מאַסשטאַב האָט שוין, אָבער, אין יאָר 1923 ניט געקענט געפירט ווערן. ערשטנס, האָט זיך די אַרבעט אָנגעהויבן צו שפּעט, פּאַקטיש אין סעפּטעמבער 1923, סוף סעזאָן. צווייטנס, איז צוגעקומען נאָך אַ וויכטיקע סיבה, וועלכע האָט ניט ווינציק געשטערט דעם נאָרמאַלן גאַנג פון דער אויפבויאונג. דאָס איז געווען די וואַליוטע-פּראַגע: 1) פּאַקטישע דאָלאַרן האָט מען ניט געטאָרט אַרויסגעבן. פוילישע זלאָטעס זיינען אין אומלויף ניט געווען,—זיי האָבן עקסיסטירט בלויז טעאָרעטיש, אַלס רעכענונגס-מיטל, — האָט מען אויסגעצאָלט אין פוילישע מאַרקן לויטן טאָג-קורס. צוליב טעכנישע און פינאַנסיעלע מניעות פלעגט זיך קיין מזומן אין „יעקאָפּאָ" ניט געפינען. נאָר טעלעגראַפיש אַרויסגעפאָדערט ווערן פון וואַרשע, ווי נאָר דער בונה פלעגט דורכפירן זיין הלואה ביים נאָטאַריוס. און דאָ פלעגט ניט זעלטן טרעפן, אַז דאָס געלט פלעגט זיך באַקומען איינצייטיק מיטן הויבן זיך פון קורס פון זלאָטע. 2) דער פוילישער זלאָט, וועלכער האָט געדאַרפט שטיין אין איין הייך מיטן שווייצאַרישן פראַנק, איז דאַן געשטאַנען באַדייטנד נידעריקער. 3) אַז עס האָבן זיך באַוויזן זלאָטע-באָנעס און מען האָט אויסגעצאָלט די הלואה אין פּאַקטישע באָנעס, זיינען געווען אַנדערע מניעות: די בונים האָבן ניט געהאַט וואו אומצוביטן. די מלוכה-קאַסע פלעגט אויסביטן נאָר 100 זלאָטעס אויף אַ פּערזאָן און דאָס נאָר אין ווילנע.

די שבעה מדורי גיהנום, וועלכע די בונים זיינען אויסגעשטאַנען, האָבן טאָרמאָזירט די אַרבעט.

שפּעטער איז איינגעפירט געוואָרן דער מאָדוס פון אַרויסגעבן פוילישע מאַרקן לויטן קורס פון שווייצאַרישן פראַנק, וואָס האָט אַריינגעטראָגן אַ באַרואיקונג און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ גרויסע פאַרבאַרייטונגס-טעטיקייט אויפן קומענדיקן בוי-סעזאָן. פיל האָבן צוגעגרייט מאַטעריאַל און געבראַכט אין אָרדענונג זייערע נאָטאַריעלע פּאַפּירן. אַלץ איז געווען מוכן ומזומן אויפצונעמען די פאַרשטייענדע אַרבעט.

צו אַלעמענס פאַרוואונדערונג האָט, אָבער, „יעקאָפּאָ" באַקומען דעם 22-טן נאָוועמבער 1923 אַ דעפּעש פון וואַרשע...

אַז מען זאָל אָפּהאַלטן דאָס אויפנעמען פון נייע בונים. פון די ווייטערדיקע ידיעות האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די אַרבעט האָט זיך אינגאַנצן אָפּגעשטעלט און עס דאַרפן פאַרענדיקט ווערן די אָנגעהויבענע הייזער פון פריער.

דער סיום-פּראָצעס האָט זיך געצויגן ביזן 1-טן פעוורואַל 1924. אַלע צווייטע ראַטעס, וועלכע עס האָט נאָך אַרויסגעקומט די בונים, זיינען אויסגעצאָלט געוואָרן. די הייזער, וועלכע זיינען געבליבן אין מיטן דער אַרבעט, זיינען דאָס רוב פאַרענדיקט געוואָרן אָדער דערפירט געוואָרן ביז אַ באַפרידיקנדן צושטאַנד.

אויף די מיטלען פון דער קאָנסטרוקטיווער אָפּטיילונג פון ד.ד.ק. האָט „יעקאָפּאָ״ אַרויסגעגעבן הלוואות אויף 583 וואוין-הייזער און ביי-בנינים, 10 קלאָזעטן, 2 רעמאָנטן פון פאָלקס-שולן און 1 ברונים. בסך-הכל אין דער סומע, וואַלאָריזירט, פון בערך 39500 דאָלאַר.

## צווייטע יק״אָ אַקציע.

דעם 21 אָקטאָבער 1922 האָט „יעקאָפּאָ״ באַקומען אַ בריוו פון יק״אָ מיט דער בקשה צוצושטעלן גענויע דאַטן און פּלענער פון דער ווייטערדיקער אויפבוי-אַקציע, וועלכע זעט זיך פאָר אין אויפבוי-סעזאָן 1923.

אויפן סמך פון די פּערזענלעכע אויספאָרשונגען אויף די ערטער דורך די ה״ה קליאַנסקי און וואָלק איז אויסגעאַרבעט געוואָרן פון „יעקאָפּאָ״ און דעם 22-טן נאָוועמבער 1922 אַוועקגעשיקט געוואָרן צו יק״אָ אַ פולשטענדיקער מעמאָראַנדום, וועגן אַסיגנירונגען אויף נייע בנינים, רעמאָנטן, ווירטשאַפטליכע בנינים, הרוב-געוואָרענע מויערן, אינדוסטריעלע בנינים און געזעלשאַפטליכע בנינים. צום סוף איז אויך פאָרגעלייגט געוואָרן אָנצוהויבן אַן אויפבוי-טעטיקייט אין אַ גאַנצער ריי נייע פונקטן, וואו „יעקאָפּאָ״ האָט ביז איצט ניט געאַרבעט.

אויף דעם מעמאָראַנדום האָט זיך דעם 27-טן נאָוועמבער 1922 באַקומען אַן ענטפער פון דער וואַרשעווער אָפּטיילונג פון יק״אָ, אין וועלכן עס ווערן געמאַכט אייניקע באַמערקונגען אין צוזאַמענהאַנג מיטן מעמאָראַנדום. צווישן אַנדערע איז יק״א ניט מסכים געווען אויסצולייען געלט אויף אינדוסטריעלע בנינים און מויערן, ווייל יק״אָ, ווי ס'ווערט געזאָגט אין ענטפער, „העלפט דער באַפעלקערונג, וועלכע אַרבעט פּראָדוקטיוו, אָבער נאָר דער אָרימסטער, און הגם, מיר גיבן זיך אָפּ אַ דין וחשבון פון דער נוצליכקייט פון אַזוינע ענינים, איז דאָך אויסגעשלאָסן, אַז מיר זאָלן קריגן פאַר אייך אַ הלוואה אויף דעם צוועק״.



דעם 9-טן דעצעמבער 1922 איז ה׳ מ. שאַליט דעלעגירט געוואָרן קיין וואַרשע צו פירן דירעקטע אונטערהאַנדלונגען מיט דער וואַרשעווער אָפּטיילונג פון יק״א. אין רעזולטאַט איז אַסיגנירט געוואָרן דעם 19 פעוורואַל 1923 י. אַ סומע פון 400,000 פראַנצויזישע פראַנק, פון וועלכע עס האָבן זיך באַקומען דעם 16 יוני 1923 די ערשטע הונדערט טויזנט פראַנק ספּעציעל אויף רעמאָנטן.

אויך יק״א האָט געשטעלט דעם תנאי, אַז דאָס געלט זאָל אַרויסגעגעבן ווערן לויטן קורס פון אַ פעסטער וואַליוטע, כדי עס זאָל ניט אַנטווערטעט ווערן די הלוואה. די איינציקע מעגליכע אומבאַנגס-מטבע, וואָס האָט צו יענער צייט געהאַט אויסזיכטן אויף אַ וועלכער ניט איז שטאַנדהאַפטיקייט איז געווען די זלאָטע-באָנע, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן די לווים. די קורס-וואַקלעניש פון די זלאָטע-באָנעס האָט תחילת ניט׳ ווינציג עגמת-נפש פאַרשאַפט הן „יעקאָפּאָ״ והן די בונים. צום גליק איז „יק״א״ אַנטקעגן געקומען די בונים און ביידע צדדים זיינען געבליבן צופרידן. די רעשט הלוואות פון די 100,000 פראַנק זיינען שוין אַרויסגעגעבן געוואָרן לויטן אָפיציעלן קורס פון גאָלד-פראַנק.

די אַקציע פון די רעמאָנטן האָט זיך געפירט אין משך פון יאָר 1923. נאָכדעם, ווי עס איז אין פעוורואַל 1924 צוגעשטעלט געוואָרן אַ צווייטער מעמאָראַנדום אין יק״א וועגן אופן פון דער ווייטערדיקער אַרבעט, זיינען סוף אַפּריל אָנגעקומען די איבעריקע 300 טויזנט פראַנק, וועלכע זיינען פאַרווענדעט געוואָרן אויסשליסליך אויף נייע בנינים.

אין משך פון דער צייט איז געוואָרן מעגליך געזעצליך אַרויסצוגעבן הלוואות לויטן קורס פון דאָלאַר, מיטן רעכט אויפצומאָנען די הלוואות צוריק אין זעלבן ווערט. דאָס האָט, פאַרשטייט זיך, פאַרלייכטערט די אַרבעט און האָט אויסגעמיטן דעם פּלאָנטער מיט דער וואַליוטע.

די גרויס פון דער הלוואה האָט צו יענער צייט דערגרייכט ביז 200 דאָלאַר אויף אַ הויז. אַלס יוצא מן הכלל איז זי געהעכערט געוואָרן ביז 250 דאָלאַר. אַזאַ סומע פלעגט, אָבער, אַרויסגעגעבן ווערן נאָר אויף פּאַפּירן פון דער היפּאָטעק און אין נאָוואָגרודקער ראַיאָן אויך פון דעם עלטערן נאָטאַריוס. די פּערזאָנען, וועלכע האָבן ניט געהאַט קיין נאָטאַריעלע פּאַפּירן, האָבן באַקומען די הלוואות אויף זשירעס, אָבער דער מאַקסימום פון אַזאַ הלוואה האָט





געקענט זיין נאָר ביז 50 דאָלאַר, אין אויסנאַמס-פאַלן—ביז 75 דאָלאַר.

אין דער דאָזיקער, צווייטער, אויפבוי-אַקציע אויף די מיטלען פון יק״א האָט „יעקאָפּאָ״ אַרויסגעגעבן הלוואות אויף 130 נייע בנינים און 93 רעמאָנטן בסך-הכל אין דער סומע, וואַלאָריזירט, פון בערך 21830 דאָלאַר.

## באַנק פאַר קאָאָפּעראַטיוון.

עס איז שוין געווען אויבן אָנגעוויזן, אַז דער ד.ד.ק. האָט אָפּגעשטעלט סוף 1923 זיין אַרבעט אין פוילן און במילא איז אויך געקומען אַ סוף צו דער אויפבוי. דער ד.ד.ק. האָט, אָבער, נאָך זיך געלאָזן אַ באַדייטנדע ירושה אין די פאַרנאַנדערגעטיילטע קאַפּיטאַלן, וועלכע זיינען געווען אויסגעליען אויף אויפבוי-צוועקן. די „באַנק פאַר קאָאָפּעראַטיוון״ אין וואַרשע, אויף וועמענס נאָמען עס זיינען איינגעטליך געווען אויסגעשטעלט די ד.ד.ק.-התחייבותן פון די לווים, האָט ביסלעכווייז קאָנצענטרירט ביי זיך די איינגעפּלאָסענע ראַטע-צאָלונגען און באַשטימט דאָס געלט אויף דיזעלבע צילן.

די אַרבעט מיט דער באַנק איז, אָבער, אָנגעקומען שווער.

„יעקאָפּאָ״, וועלכע האָט צו דער זעלבער צייט אויסגעפאָרשט די באַראַנאָוויטש-סלאָנימער געגנט און האָט שוין זאָגאַר אָנגעהויבן פירן דאָרט אַן אויפבוי-אַרבעט אויף די „יק״אָ״-געלטער, האָט זיך געווענדעט אין „באַנק פאַר קאָאָפּעראַטיוון״ מיטן פאָרשלאַג צו אַסיגנירן געלט אויך אויף די אויבן-אָנגעוויזענע געגנט, בפרט, אַז די געגנט איז זייער אַ צורואינירטע און דאָרט איז זייער ווינציק געטאָן געוואָרן ביז איצט. דערביי האָט „יעקאָפּאָ״ דאַן ניט פּרעטענדירט אויף אַסיגנירונגען מצד דער באַנק אויף איר אַלטן אויפבוי-געביט, ווייל דאָרט האָט „יעקאָפּאָ״ פאָראויסגעזען דאַן צו אַרבעטן אויף די מיטלען פון יק״א.

לכתחילה האָט די אויפבוי-אָפּטיילונג פון דער אָנגערופענער באַנק מסכים געווען אויף דעם פאָרשלאַג. אָבער אין גיכן חרטה געקראָגן און צוגעשיקט דעם 6 יוני 1924 אין „יעקאָפּאָ״ אַ בריוו, אין וועלכן זי פאַררופט זיך אויף אַ דירעקטיוו פון ווין צו „באַגרענעצן איר אויפבוי-אַקציע אין די געגנטן, וועלכע קומען ניט פאַר „יעקאָפּאָ״ אין באַטראַכט״.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ גרעסערע קאָרעספּאָנדענץ וועגן דעם ענין און צום סוף האָט די אויפבוי-באַראַטונג, וועלכע איז צונויפגערופן געוואָרן לויט דעם אויפטראָג פון דער „פונדיישן״ און יק״א דעם 26 יוני 1924 אין וואַרשע דורך דער „באַנק פאַר קאָאָפּעראַטיוון״,—אין

צוזאַמענשטעל פון די ה״ה נאַטאַנסאָן,
סס. באַלדע, אינזש. קלעבאַנאָוו (יק״א),
ד״ר קליומל, באַכראַך, אינזש. טשער-
ני׳אַקאָוו (באַנק פאַר קאָאָפּעראַציוון און
„פונדיישן״) און מ. שאַליט („יעקאָפּאָ״),—
פעסטגעשטעלט די טענות פון „יעקאָפּאָ״
פאַר גערעכטע און איבערגעגעבן די
אַרבעט אין סלאָנימער בענגט צו פירן
דורך דעם בענגט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ״.

היות ווי די געלט-מיטלען זיינען דאָך
ניט געווען קיין באַדייטנדע לגבי די
גרויסע נויטן, האָט מען קאָנצענטרירט
די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט אויף דער
שטאָט סלאָנים גופא. עס איז אַהין דע-
לעגירט געוואָרן ה׳ וואלק, וועלכער האָט
אויסגעפאָרשט דעם מצב פון איבער
200 בנינים. פאַר קרוב צו 80 זיינען
אַסיגנירט געוואָרן הלוואות.

ליידער האָבן ניט אַלע בונים, פאַר
וועמען ס׳זיינען אַסיגנירט געוואָרן הלוואות,
בעקענט אָפּנעמען זיי, ווייל ניט ביי
אַלעמען זיינען די נאָטאַריעלע פּאַפּירן
געווען אין אָרדענונג. אַרויסגעבן די
זעלבע פערזאָנען אַ קלענערע סומע אויף
זשירעס האָט אויך קיין זין ניט געהאַט,
ווייל כמעט אַלע האָבן געבויט נייע
הייזער און האָבן זיך גענויטיקט אין
גרעסערע הלוואות.

די תנאים פון אַרויסגעבן דאָס געלט
זיינען געווען די זעלבע, ווי ביי די
יק״א-הלוואות.

אויף אַזאַ אופן האָט „יעקאָפּאָ״ בסך-
הכל אַרויסגעגעבן אין סלאָנים הלוואות
פון די באַנק-געלטער אויף 21 בנינים
אין דער גרויס פון 4600 דאָלאַר.

### ב ע ד ע ר.

די פראַגע פון בעדער אין פּראָווינץ
האָט, ווי עס איז צו זען פון די פאַריקע
קאַפּיטלען, שטענדיק אינטערעסירט „יע-
קאָפּאָ״. עס זיינען געמאַכט געוואָרן
ספּעציעלע אַסיגנירונגען, הגם „יעקאָפּאָ״
האָט ניט געהאַט אויף דעם קיין גע-
העריקע סומעס. די דאַמאָלסטיקע אַסיג-
נירונגען זיינען, אָבער, געווען קליינע
און האָבן געהאַט דעם צוועק ווי ניט
איז צו רעמאָנטירן די איבערגעבליבענע
בעדער, כדי די באַפעלקערונג זאָל ניט
פאַרזינקען אין שמוץ. די אַרבעט איז גע-
ווען אַ צייטווייליקע, ביז בעסערע צייטן.
און וואָס איז שייך ספּעציעל די חרובע
שטעט, האָבן זיי זיך גענויטיקט אין
אויפשטעלן די בעדער פון דאָס ניי,
אָדער אין אַ קאַרדינאַלן רעמאָנט, אויף
וואָס ס׳זיינען שוין געווען נויטיק גרויסע
געלטער. אין אייניקע ערטער האָט זיך
דעם בענגט-קאָמיטעט איינגעגעבן צו
לייגן אַ יסוד פון 5 בעדער מיט דער
הילף פון דער היימלאָזע-אָפּטיילונג פון



ד׳ד׳ק. און די גאַנצע סומע, וועלכע איז דורך
„יעקאָפּאָ״ אויסגעגעבן געוואָרן אויף בע-
דער, האָט דערגרייכט, וואַלאָרידירט,
בערך 5785 דאָלאַר.

דערמיט איז נאָך, אָבער, די
פראַגע ווייט ניט פאַרענטפערט געוואָרן.
ס׳איז געוואָרן נויטיק צו שאַפן אַ צענטער,
וועלכער זאָל ספּעציעל זיך פאַרנעמען
מיט דער זאַך.

די פראַגע האָט געפונען איר פול-
שטענדיקע פאַרענטפערונג דורך דער
אַזוי גערופענער מעדיציניש-סאַניטאַרער
צענטראַלע פאַר ווילנע און געגנט, וועל-
כע איז געגרינדעט געוואָרן דעם 21—22
סעפּטעמבער 1921 אין ווילנע, און האָט
געפירט איר אַרבעט אויף די געלטער פון
מעדיצינישן דעפּאַרטאַמענט פון ד. ד. ק.
אונטערן פאָרזיץ פון ד״ר ג. גערשוני.

הגם די מ.ס.צ. איז ניט געווען קיין
פּראָדוקט פון „יעקאָפּאָ״ אַליין, נאָר אין
איר אַנטשטייאונג האָבן אַ חלק „אָזע״,
„יעקאָפּאָ״, די קהילה און דער מעדיצי-
נאַל-ראַט, געפינען מיר דאָך פאַר נויטיק
אָפּשטעלן זיך אויף איר טעטיקייט, ווייל
אַ שפּאָר ביסל כוחות און ענערגיע האָבן
אין איר אַוועקגעלייגט די „יעקאָפּאָ״-
פאָרשטייער, וועלכע האָבן רעפּרעזענטירט
אין איר די גאַנצע פּראָווינץ, וואו עס
האָט אייגנטליך געדאַרפט געפירט ווערן
דער גרעסטער טייל פון דער אַרבעט.

אין דער מ. ס. צ. זיינען געווען פאַר-
טראָטן, אַלס פאָרשטייער פון „יעקאָפּאָ״,
די ה-ה מ. שאַליט און מ. יעווזעראָוו און
אַלס קאַנדידאַטן א. לאַנגבאַרט און י. וואלק.

די מ. ס. צ. האָט אויף איר אַקטיוו
גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער יידישער
באַפעלקערונג אויפן סאַניטאַר-היגיענישן
געביט, צווישן וועלכע די בעדער האָבן
פאַרנומען דעם אויבן אָן. שוין אויף די
ערשטע זיצונגען איז פאָרמולירט גע-
וואָרן אַז די אַרבעט אין פאָלגנדער רע-
זאָליוציע: „באַטענדיק אין באַטראַכט, אַז
די בעדער, וואָס שטעלן מיט זיך פאַר
די וויכטיקסטע עלעמענטאַרסטע אַנ-
שטאַלטן אויפן געביט פון סאַניטאַריע,
זיינען אין משך פון די פאַרגאַנגענע
מלחמה-יאָרן אין זייער פיל פונקטן
טיילווייז אָדער אינגאַנצן צושטערט גע-
וואָרן, ווערט באַשלאָסן, אַז אויפן ערשטן
פּלאַן פון דער אַרבעט דאַרף אַוועקגע-
שטעלט ווערן די אויפבויאונג און דאָס
פאַרריכטן בעדער, איינאָרדנדיק, ווי ווייט
מעגליך, דעזינפעקציע-און דעזינסעקציע-
קאַמערן, אָנהויבנדיק פון די פונקטן,
וואָס ליגן ביי דער געוועזענער דייטש-
רוסישער פראָנט-ליניע. די בעדער דאַרפן
ווערן געבויט לויט די פאָדערונגען פון
טעכניק און סאַניטאַריע, און דאַרפן זיין



צוגעפּאַסט צו די אָרטיקע באַדינגונגען״.

פאַרשיידן איז געווען די אַרבעט
אויפן געביט פון אויפריכטן די בעדער.
אַ טייל זיינען רעמאָנטירט געוואָרן, אַנ-
דערע זיינען איבערגעבויט געוואָרן און
אייניקע זיינען געבויט געוואָרן פון
דאָס ניי. די בעדער, וועלכע זיינען
אויסגעבויט געוואָרן אונטער דער השגחה
פון ספּעציעלע אינזשענערן, זיינען איינ-
געריכטעט געוואָרן לויט דער לעצטער
טעכניק. ווי יעדע נייס, האָט אויך די
„לעצטע מאָדע״ אַרויסגערופן לכתחילה
אומצופרידנהייט אין די שטעטלעך, וואו
מען האָט געבענקט נאָכן אויוון מיט די
שטיינער. אויפן אַדרעס פון די טעכני-
קער פלעגן זיך אָפט הערן שטאַרקע טענות.
ווי דאָס זאָל ניט זיין, זיינען ביי היינטיקן
טאָג די בעדער איינע פון די גרעסטע און
וויכטיקסטע געווינסן פאַר דער שטעטל.

אין אַלעמען זיינען אויסגעבויט געוואָרן
פון דאָס ניי, איבערגעבויט און גרינטליך
רעמאָנטירט געוואָרן בעדער אין פאָלגנדע
פונקטן:

סמאָרגאָן, פליסע, דונילאָוויטש, ליובטש,
קרעווע, קאַרעליטש, ווידז, האָראָדישטש,
דיסנע, לושקי, שאַרקאָווטשטשיזנע,
ווישנעווע. אין 30 אַנדערע פונקטן זיינען
דורכגעפירט געוואָרן קלענערע רעמאָנטן
פון בעדער.

די מ. ס. צ. האָט אויסגעגעבן אויף די אויס-
ריכטונג פון די אַלע אָנגערופענע בעדער
און אויף די רעמאָנטן איבער 30000 דאָלאַר.

### ר ע ג י ר ו נ ג ס - ש ט י צ ע.

די רעגירונג, וועלכע האָט באַזאָרגט
אַ גרויסע צאָל קריסטן מיט געהילף און
אַנדערע מאַטעריאַלן, האָט ווייניק אַכט
געלייגט אויף די שטעטלשע איינוואוי-
נער, וועלכע באַשטייען דאָס רוב פון יידן.
אין אונזער געגנט האָבן באַקומען רעגי-
רונגס-הילף געציילטע יידן, הגם די צאָל
חרוב-געוואָרענע הייזער איז אַ קאָלאָסאַלע.

די אומנאָרמאַלע לאַגע האָט דערוועקט
דעם בענגט-קאָמיטעט פון „יעקאָפּאָ״ צו
ווענדן זיך אין פעוראַל 1922 יאָר מיט
אַ מעמאָראַנדום צום פאָרזיצנדן פון דער
צייטווייליקער רעגירונגס-קאָמיסיע פון
מיטל-ליטע ה׳ מיישטאָוויטש וועגן דער
לאַגע פון דער אויפבוי אין די שטעט-
לעך. דעם מעמאָראַנדום האָבן איבער-
גענעבן הרב רובינשטיין, ד״ר צ. שאַבאַד
און אַדוו. י. יאַכוועד. אין מעמאָראַנדום
ווערט צום ערשטן געגעבן אַן איבער-
בליק פון דער אַרבעט, וואָס „יעקאָפּאָ״
האָט דורכגעפירט אין די שטעטלעך,
נאָכדעם בייט די רשימה פון די אַרויס-
געגעבענע געלטער אין יעדער שטעטל
באַזונ. דער און צאָל בנינים, ווייטער
ווערט כאַראַקטעריזירט די שווערע לאַגע

פון די יידישע בונים און ס'ווערן אָנגעמערקט 3 פונקטן, וועלכע די ציטירטע רעגירונג ווערט געבעטן צו נעמען אין אכט, דהיינו:

1) אזוי ווי ס'דערנענטערט זיך דער פרילינג, דער אָנהויב פון נייעם בוי-סעזאָן, בעטן מיר צואיילן די אַסיגנירונג פון די נויטיקע מאַטעריעלע מיטלען, כדי אָנצוהייבן די אויפבוי-אַקציע אין א גרעסערן מאַסשטאַב.

2) אזוי ווי די יידן זיינען כמעט ניט פאַרטראָטן אין די גמינעס און אין די זעלבסטפאַרוואַלטונגען פון די קרייזן, וועמענס פאַרשטייער ס'זיילן דאַרפן אָנטייל נעמען אין די קרייז-קאָמיסיעס „זאַפּאָמאָגאָווע“, וועלכע זיינען באַרופן צו באַשטימען די גרייס פון דער רעגירונגס-שטיצע פאַר די בונים, דעריבער בעטן מיר, אז ביי דער באַהאַנדלונג פון די פראַגן פון אויפבויען די שטעטלעך זאָלן צוגעצויגן ווערן אין די „קרייז-קאָמיסיעס זאַפּאָמאָגאָווע“ פאַרשטייער פון די יידישע קהילות אָדער הילפס-קאָמיטעטן פון די חרוב-געוואָרענע שטעטלעך.

3) אזוי ווי אונזער קאָמיטעט איז א צענטראַלע, אויפן געביט פון הילף פאַר מלחמה-קרבנות און אויפבויאונג, פון די אָנגערופענע יידישע קהילות און הילפס-קאָמיטעטן פון די שטעטלעך פאַר אונזער קאַנס, און אזוי ווי אונזער קאָמיטעט איז ביז היינט געווען די איינציקע געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציע אויפן געביט פון דער אויפבוי-אַרבעט, דעריבער בעטן מיר, אז אונזער קאָמיטעט זאָל זיין פאַרגעשטעלט אין אַלע צענטראַלע אויפבוי-אָרגאַנען פון דער רעגירונג“.

די דעלעגאַציע פון „יעקאָפּאָ“ איז אויפגענומען געוואָרן זייער פריינדליך. עס זיינען זאָגאַר געגעבן געוואָרן הבטחות אין פּאָזיטיוון זין, אָבער קיין שום ממשותדיקס איז פון דעם ניט אַרויסגעקומען.

שפּעטער-צו, אין מיטן 1922, איז פאַנאַנדערגעשיקט געוואָרן אין די אויפבוי-קאָמיסיעס א צירקוליאַר פון מיניסטעריום פאַר עפנטליכע אַרבעט, אין וועלכן עס איז אָנגעוויזן, אז דריי קאַטעגאָריעס בונים דאַרפן באַקומען געהילף אומזיסט. אויפן סמך פון דעם צירקוליאַר האָט אין נאָוועמבער 1922 באַזוכט די ווילנער אויפבוי-דירעקציע אינזש. טשערניאַקאָוו, וואו ער האָט באַקומען א צוזאָג, אז די יידישע בקשות וועלן בענומען ווערן אין אכט. ה' טשערניאַקאָוו האָט זיך אויך משתדל געווען דירעקט אין מיניסטעריום אין וואַרשע און אַדאַנק דעם איז דעם 23-טן נאָוועמבער 1922 געשיקט געוואָרן אַן אָנווייזונג פון מיניסטעריום צו דער צענטראַלער דירעקציע אין ווילנע וועגן העלפן דער חרוב-געוואָרענער, שטאָטישער. באַפעלקערונג און א פאַראָרדענונג, אז די צענטראַלע דירעקציע זאָל פאַנאַנדערשיקן דעם צירקוליאַר אין אַלע פּאָוויאַטאָווע אויפבוי-ביוראָען.

אין צוזאַמענהאַנג דערמיט, האָט „יעקאָפּאָ“ ווידער דעלעגירט אירע פאַרשטייער אין ווילנער צענטראַלער אויפבוי-דירעקציע, וואו מען האָט זיי געגעבן די פאָלגנדע ערקלערונג: „הגם אין צירקוליאַר פון מיניסטעריום איז געגנוי אָנגעוויזן, אז מען דאַרף געבן געהילף און מאַטעריאַלן ערד-אַרבעטער, אינסטיטוציעס און דער שטאָטישער באַפעלקערונג, דאָך ביי דעם איצטיקן געלט-און מאַטעריאַלן-מאַנגל איז אוממעגליך צו באַפרידיקן אַלעמען און פאַרלויפיק מוז מען באַהילפיק זיין נאָר דער דאָרפישער באַפעלקערונג“.

אויך דער דעקרעט נום. 242, וועלכער איז פאַרעפנטליכט געוואָרן אין „דזעניק אורזשענדאָווי“ נום. 191 פון 1921, וועגן פאַרזאָרגן די פאָלקס-שולן מיט בוי-מאַטעריאַלן און שטחים ערד, האָט פאַר די יידישע פאָלקס-שולן קיין הילף ניט געבראַכט.

אַלע השתדלותן פון געגנט-קאָמיטעט, אז די פראַגע וועגן רעגירונגס-הילף זאָל דערליידיקט ווערן פאַר דער יידישער באַפעלקערונג פּאָזיטיוו, זיינען, לײדער, געבליבן אָן ערפאָלג.

## יורידישע הילף.

וועגן דער יורידישער קאָמיסיע און אירע צילן איז שוין גערעדט געוואָרן פריער. מיר ווילן זיך איצט אָפּשטעלן אויף אירע קאָנקרעטע מעשים ספּעציעל בנוגע דער אויפבויאונג. די הויפּט-אַרבעט האָט זיך אויסגעדריקט אין באַזאָרגן די בונים מיט יורידיש-רעכטליכע דאָקומענטן אויף זייער ערד, כדי זיי זאָלן קענען ווערן פאָרמעלע בעלי-בתים אויף זייערע אומבאַוועגליכע גיטער און, אגב, האָבן די מעגלעכקייט צו באַקומען די הלוואה אויף דער הויז, וואָס דאַרף נאָטאַריעל באַזאָרגט ווערן. צו דעם צוועק האָט אדוו. ה' י. יאָכוועד באַזוכט די וויכטיקסטע אויפבוי-פּונקטן פון פּראָווינץ, ווי נאָוואָגרודאָק, קאָרעליטש, ווידז, ווישנעווע, קרעווע און סמאָרגאָן, כדי פעסטצושטעלן אויף אָן אָרט די פּאַקטישע לאַגע פון יעדן בונה באַזונדער און צוגרייטן דעם נויטיקן מאַטעריאַל פאַר דער ווייטערדיקער יורידישער אַרבעט.

וואָס איז שייך דעם נאָוואָגרודקער ראַיאָן, האָט זיך איינגעגעבן פועלן ביי די נאָטאַריעלע אַנשטאַלטן, אז זיי זאָלן איינשטימען צו שליסן און באַשטעטיקן אָפּמאַכן אויפן גרונט פון גמינע-ציינגנישן. עס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן א מוסטער, וועלכן די גמינעס האָבן נאָך אַן אינטערווענץ געחתמעט. אין ווילנער ראַיאָן איז געווען שווערער. קיין אַנדער אויסוועג אויף צו קריגן דאָקומענטן איז ניט געווען, ווי אָנצוגעבן אין געריכט. אין איינציקע ערטער איז די תביעה געווענדעט געווען קעגן פּריוו וועגן אָנערקענונג פון צינש-רעכט און אין אַנדערע ערטער האָט מען באַדאַרפט פאָדערן א באַשטעטיקונג פון אייגנטום-רעכט אויפן גרונט פון 10-יאָריקן באַזיץ.

די יורידישע אָפּטיילונג האָט זיך ניט באַגנוגנט מיט געבן נאָר יורידישע עצות, נאָר האָט אויך אַקטיוו אָנטייל גענומען אין די פּראָצעסן. דער ערשטער משפט פון איינציקע און פופציק בונים אין ווירז איז געוואונען געוואָרן מיט דער מיטהילף פון אדוו. יאָכוועד. פאָרשטייער פון דער יורידישער אָפּטיילונג פון „יעקאָפּאָ“ האָבן אויך אָנטייל גענומען אין צענדליקער פּראָצעסן פון סמאָרגאָנער און קרעווער יידן ביי די פרידנס-ריכטער אין זאַלעסיע און בעניצע.

א וויכטיקער אויפטו איז געווען דאָס באַוואָרענען פון די צינש-רעכט אויף דער ערד פון די תושבים אין קאַרעליטש און ליאַכאָוויטש. די פּריצים פון ביידע שטעטלעך האָבן אָנגעגעבן אין דער היפּאָטעק, אז מען זאָל אָנערקענען די ערד פאַר זייער אייגנטום אויב דאָס וואָלט אָנערקענט געוואָרן, וואָלט געדראָט די אויבנדערמאָנטע איינוואוינער. אז אין א גוטן פרימאָרגן זאָל מען זיי אַראָפּזעצן פון זייערע פּלעצער. אין דער רעכטער צייט איז אָרגאַניזירט געוואָרן א פּראָטעסט צו דער היפּאָטעק קעגן די פּריצים און אויף דעם אופן זיינען אָפּגעראַטעוועט געוואָרן הונדערטער יידישע משפחות.

## ליקווידאַציע-פּלאַן.

כדי צו דערפירן די אויפבוי-אַרבעט ביז א געווינשטן סוף, האָט „יעקאָפּאָ“ דעלעגירט ה' מ. שאַליט קיין ווין און בערלין און אין נאָוועמבער 1924 אויך קיין בריוסל, וואו ס'איז דאַן פאָרגעקומען א פּלענאַרע זיצונג פון דער „פונדיישן“, כדי צו פירן אונטערהאַנדלונגען מיט די פאָרשטייער פון יק"א און פון דער פונדיישן.

אלס רעזולטאַט פון די דאָזיקע אונטערהאַנדלונגען איז דערגרייכט געוואָרן פריער מיט יק"א און דערנאָך אויך מיט דער פונדיישן אַנאַלאָגישע אָפּמאַכן, לויט וועלכע „יעקאָפּאָ“ באַקומט די מעגליכ-

קייט פון די אויסגעליענע געלטער אויף אויפבוי אין איר טעטיקייטס-ראַיאָן, וואָס ווערן פעליג פון יאָר 1925 אָן, צו ליקווידירן די אויפבוי-אַרבעט ביז דעם 1-טן יאַנואַר 1929, אַרויסגעבנדיג ווייטערדיקע הלואות פון די איינגעקאַסירטע געלטער אויף פאַרענדיקן בנינים.

לויט די דאָזיגע אָפּמאַכן דאַרף די אַרבעט פאַרענדיקט ווערן אויף פאָלגנדע באַדינגונגען: 1) פון די געלטער אויף אויפבוי, וואָס וועלן צוריקגעצאָלט ווערן אין יאָר 1925, קענען 75 פראָצ. אויסגעליען ווערן ניט לענגער ווי אויף 3 יאָר און די איבעריקע 25 פראָצענט דאַרפן אומגעקערט ווערן יק״א (אויב די געלטער זיינען פון ד. ד. ק.—דאַרפן זיי אומגעקערט ווערן דער „פונדיישן“).

2) פון די געלטער, וואָס וועלן צוריקגעצאָלט ווערן אין יאָר 1926, קענען 50 פראָצענט אויסגעליען ווערן ניט לענגער ווי אויף 2 יאָר און די איבעריקע 50 פראָצענט דאַרפן אומגעקערט ווערן לויט ווי ס׳איז בעזאָגט אין ערשטן פונקט.

3) פון די געלטער, וואָס וועלן צוריקגעצאָלט ווערן אין יאָר 1927, קענען 25 פראָצענט אויסגעליען ווערן ניט לענגער ווי אויף 1 יאָר, און דער רעשט דאַרף אומגעקערט ווערן, ווי אויבן געזאָגט.

אויף אַזאַ אופן דאַרף די גאַנצע אַקציע זיך פאַרענדיקן און צוגלייך דאַרף אויך דער גאַנצער חוב פון די בונים געדעקט ווערן צום 1-טן יאַנואַר 1929.

די גאַנצע ליקווידאַציע-סומע, ווי ס׳איז צו זען פון די ציפער, וואָס זיינען געבראַכט אין אַרטיקל, קען באַטרעפן בנוגע די געלטער פון יק״א—בערך 10.000 דאָלאַר און בנוגע די געלטער פון ד. ד. ק. (פונדיישן) —בערך 15 000 דאָלאַר.

אַדאַנק דעם, וואָס ס׳זיינען אַקצעפּטירט געוואָרן די אָנגערופענע אָפּמאַכן, וועלכע „יעקאָפּאָ“ האָט לויט איר איניציאַטיוו דורכגעפירט ביי יק״א און פונדיישן פאַר איר טעטיקייטס-ראַיאָן, האָט שוין די פונדיישן אויך פאַרשפּרייט די גילטיגקייט פון דעמזעלבן אָפּמאַך פאַר די איבעריקע טיילן פון פוילן, וואו ס׳ווערט געפירט אַן אויפבוי-טעטיקייט אויף אירע געלטער דורך דער באַנק פאַר קאָאָפּעראַציע אין וואַרשע.

פון דער אויפבוי-פּראַקטיק פון „יעקאָפּאָ“ אין יאָר 1925 האָט זיך, אָבער, אַרויסגעוויזן, אַז בעת אויף די יק״א-געלטער איז די אַרבעט ווייטער געגאַנגען נאָרמאַל און ערפאָלגרייך און בהסכם מיטן אָפּמאַך, האָט די אַרבעט אויף די געלטער פון דער פונדיישן דורך דער באַנק פאַר קאָאָפּעראַציע אין וואַרשע, וואָס האָט געזאָלט איבערגעגעבן ווערן „יעקאָפּאָ“ פאַר איר ראַיאָן, זיך בכלל ניט אַנטוויקלט און האָט כמעט ניט געגעבן קיין רעזולטאַטן, צוליב די שוועריקייטן, וואָס די אַזוי גערופענע אויפבוי-אָפּצאָלונג פון דער דערמאָנטער באַנק האָט געשטעלט „יעקאָפּאָ“ און די בונים

## סטאַטיסטישע ידיעות וועגן דער אויפבויאונג—דורך דעם געגענט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ“— פון די חרוב-געוואָרענע פון דער מלחמה הייזער און בנינים.

טאַבעלע № 1 אַלגעמיינע צאָל בונים.

| יאָר | משפחות | % | נפשות |
|---|---|---|---|
| 1919—1920 | 178 | 8.9 | 720 |
| 1921 | 427 | 21.3 | 2107 |
| 1922 | 933 | 46,6 | 4168 |
| 1923 | 307 | 15,3 | 1809 |
| 1924 | 158 | 7.9 | 731 |
| בסך-הכל . | 2003 | 100 | 9535 |

טאַבעלע № 2 אַלגעמיינע סומע פון די אַרויסגעגעבענע דורך „יעקאָפּאָ“ געלטער אויף אויפבוי.

| № | מין פון אויפבוי | דאָלאַרן (האַלאַריזירט בערך) |
|---|---|---|
| 1 | הייזער און ביי-בנינים . . . . | 128.090 |
| 2 | בנינים פאַר פאָלקסשולן (פאָלקס-הייזער) | 19.433 |
| 3 | בעדער . . . . . . | 5.785 |
| 4 | געזעלשאַפטליכע בנינים (געמיינזאַמע וואוינונגען פאַר היימלאָזע) . | 3.500 |
| 5 | ברונימער, קלאָזעטן, פייערלעשערייי, אייז-קעלערס א. אַז. וו. . . . . | 442 |
| | בסך-הכל . . | 157.250 |

טאַבעלע № 3 הייזער-אויפבוי-אַקציעס.

| № | פאָנדן | יאָרן | דאָלאַרן (האַלאַריזירט בערך) | הייזער און ביי-בנינים | נפשות |
|---|---|---|---|---|---|
| 1 | אַפּגעשפּאָרטע סומעס . . . . . . . | 1919—1921 | 4744 | 203 | 823 |
| 2 | יק״אַ I. . . . . . . . . | 1921—1922 | 36504 | 791 | 3770 |
| 3 | לאַנדאַנער אוקראַינער קאָמיטעט . . . . | 1919—1921 | 317 | 9 | 42 |
| 4 | ד. ד. ק., רעעמיגראַנטן . . . . . | 1922—1923 | 20595 | 176 | 862 |
| 5 | ד. ד. ק., קאָנסטרוקטיווע I. . . . . | 1922—1923 | 20500 | 433 | 2158 |
| 6 | ד. ד. ק., קאָנסטרוקטיווע II. . . . . | 1923—1924 | 19000 | 150 | 710 |
| 7 | יק״אַ II. . . . . . . . | 1923—1924 | 21830 | 223 | 1059 |
| 8 | באַנק פאַר קאָאָפּעראַציאָן . . . . . | 1924 | 4600 | 21 | 111 |
| | בסך-הכל . . | 1919—1924 | 128090 | 2006 | 9535 |

טאַבעלע № 4 פּראָפעסיאָנעלער באַשטאַנד פון די בונים.

I. באַשטאַנד פון די בונים-משפחות לויט דער אַרבעטספעאיקייט.

| | צאָל פּערזאָנען | % |
|---|---|---|
| אַרבעטספעאיקע פאַרדינער | 2478 | 26 |
| פרויען, קינדער און אַלטע לייט | 7057 | 74 |
| בסך-הכל . | 9535 | 100 |

II. צאָל פאַרדינער אין די משפחות.

| | משפחות | נפשות |
|---|---|---|
| צו 1 פּערזאָן פאַרדינען אין | 1711 | 1711 |
| „ 2 „ „ „ | 178 | 356 |
| „ 3 „ „ „ | 68 | 204 |
| „ 4 „ „ „ | 27 | 108 |
| „ 5 „ „ „ | 15 | 75 |
| „ 6 „ „ „ | 4 | 24 |
| בסך-הכל . | 2003 | 2478 |

III. פּראָצענטועלע פאַרהעלטעניש פון די באַשעפטיגונגען פון די בונים-פאַרדינער

| פּראָפעסיע | צאָל | % |
|---|---|---|
| האַנטווערקער, אַרבעטער און אָנגעשטעלטע . | 1049 | 42 3 |
| סוחרים און הענדלער . | 964 | 38.9 |
| ערד-אַרבעטער . . . | 257 | 10,4 |
| פרייע פּראָפעסיעס . . | 115 | 4.6 |
| אומבאַשטימטע פּראָפעסיעס | 93 | 3.8 |
| בסך-הכל . | 2478 | 100 |

טאַבעלע № 5

## באַשעפטיגונג פון די בונים.

| № | באַשעפטיגונג | צאָל פּערזאָן |
|---|---|---|
| 1 | הענדלער | 554 |
| 2 | קרעמער | 342 |
| 3 | ערד-אַרבעטער | 257 |
| 4 | שניידער | 184 |
| 5 | שוסטער | 114 |
| 6 | אומבאַשטימט | 93 |
| 7 | קצבים | 87 |
| 8 | בעקער | 76 |
| 9 | שמידן | 73 |
| 10 | סטאָליאַרעס | 63 |
| 11 | פורמאַנעס | 55 |
| 12 | גאַרבער | 51 |
| 13 | קאַראַבעלניקעס | 46 |
| 14 | אָנגעשטעלטע | 42 |
| 15 | בויער | 42 |
| 16 | לערער | 37 |
| 17 | שוואַרצאַרבעטער | 28 |
| 18 | שטעפּער | 27 |
| 19 | מולער | 24 |
| 20 | מילנער | 21 |
| 21 | מלמדים | 19 |
| 22 | בעלי-אכסניה | 17 |
| 23 | גלעזער | 17 |
| 24 | רימער | 16 |
| 25 | פאַקטער | 14 |
| 26 | קירזשנער | 14 |
| 27 | רבנים | 13 |
| 28 | בלעכער | 11 |
| 29 | זייגער-מאַכער | 11 |
| 30 | שוחטים | 10 |
| 31 | בוכהאַלטערס | 8 |
| 32 | פישער | 8 |
| 33 | פאַבריקמאַכער | 8 |
| 34 | שמשים | 6 |
| 35 | פאַרבער | 6 |
| 36 | זאָקן-מאַכער | 5 |
| 37 | סייהויז-האַלטער | 5 |
| 38 | אַפּטייקער | 5 |
| 39 | שלאָסער | 5 |
| 40 | איינבינדער | 5 |
| 41 | פעלדשער | 4 |
| 42 | ציגעלניקעס | 4 |
| 43 | קאַטלער | 4 |
| 44 | זייף-מאַכער | 4 |
| 45 | סופרים | 4 |
| 46 | טעפּער | 3 |
| 47 | פאָטאָגראַפן | 3 |
| 48 | פאַרמאַצעווטן | 3 |
| 49 | עלעקטראָ-טעכניקער | 2 |
| 50 | צאָן-טעכניקער | 2 |
| 51 | שטריק-מאַכער | 2 |
| 52 | אקושעריגס | 2 |
| 53 | ביר-ברויער | 2 |
| 54 | דרוקער | 2 |
| 55 | וואַליק-מאַכער | 2 |
| 56 | וואַל-בערשטער | 2 |
| 57 | אייל-מאַכער | 1 |
| 58 | בעדער | 1 |
| 59 | דאָקטוירים | 1 |
| 60 | דאַך-דעקער | 1 |
| 61 | זעלצער-וואַסערשיקעס | 1 |
| 62 | טערפּענטין-וואַסערשיקעס | 1 |
| 63 | טשעמאָדאַנען-מאַכער | 1 |
| 64 | מצבות-האַקער | 1 |
| 65 | כלי-זמר | 1 |
| 66 | פּאַפּיראָסן-שטאָפּער | 1 |
| 67 | צאָן-דאָקטוירים | 1 |
| 68 | פאַרמעטמאַכער | 1 |
| 69 | מאַרבער | 1 |
| 70 | שינדל-מאַכער | 1 |
| | בסך-הכל | 2478 |





טאַבעלע № 6

## הייזער-אויפבוי אין יעדער שטעטל באַזונדער.

| № | שטעטל | הייזער אין בוי-פּנינים | משפחות | נפשות | דאָלאַרן |
|---|---|---|---|---|---|
| 1 | סמאַרגאָן | 265 | 265 | 1255 | 25554 |
| 2 | ליובטש | 235 | 233 | 1098 | 14058 |
| 3 | קאַרעליטש | 222 | 221 | 1015 | 13997 |
| 4 | ווירז | 174 | 174 | 855 | 13409 |
| 5 | חישנעווע | 125 | 125 | 540 | 5084 |
| 6 | קרעווע | 115 | 115 | 552 | 8958 |
| 7 | האַראַדישטש | 93 | 93 | 465 | 5151 |
| 8 | פאָסטאַוו | 85 | 85 | 469 | 3484 |
| 9 | ליאַכאָוויטש | 75 | 75 | 355 | 8515 |
| 10 | היידוצישעק | 55 | 55 | 265 | 2293 |
| 11 | דיסנע | 52 | 52 | 252 | 968 |
| 12 | גלובאָקע | 45 | 45 | 169 | 598 |
| 13 | חסעליוב | 43 | 43 | 195 | 608 |
| 14 | דרויע | 42 | 42 | 194 | 1602 |
| 15 | לעבעדעווע | 36 | 36 | 181 | 2219 |
| 16 | סלאָנים | 31 | 31 | 155 | 1330 |
| 17 | מאַלאַדעטשנע | 30 | 30 | 139 | 5649 |
| 18 | ווילייקע | 29 | 29 | 117 | 1020 |
| 19 | זאַסקעוויטש | 28 | 28 | 137 | 2067 |
| 20 | סאַל. | 28 | 28 | 138 | 1696 |
| 21 | באַריסאָווקע | 22 | 22 | 109 | 610 |
| 22 | דוקשט | 22 | 22 | 115 | 823 |
| 23 | כורעץ | 22 | 22 | 112 | 143 |
| 24 | שאַרקאָווטשטשיזנע | 13 | 13 | 46 | 1740 |
| 25 | באַקשט | 10 | 10 | 55 | 800 |
| 26 | דונילאָוויטש | 10 | 10 | 44 | 331 |
| 27 | פליסע | 9 | 9 | 36 | 864 |
| 28 | קאָזיאַן | 9 | 9 | 59 | 442 |
| 29 | סטאַלאָוויטש | 9 | 9 | 45 | 439 |
| 30 | אָסטראָוועץ | 8 | 8 | 51 | 395 |
| 31 | ניישטאָט | 5 | 5 | 24 | 360 |
| 32 | סטאָיאַצישעק | 5 | 5 | 18 | 106 |
| 33 | וואָלאָזשין | 4 | 4 | 14 | 144 |
| 34 | סיניאַווקע | 4 | 4 | 20 | 170 |
| 35 | דריסוויאַט | 3 | 3 | 19 | 198 |
| 36 | טראָק | 3 | 3 | 19 | 66 |
| 37 | מיכאַלישעק | 3 | 3 | 11 | 125 |
| 38 | מיישעגאָלע | 3 | 3 | 13 | 125 |
| 39 | דעליאַטיטש | 2 | 2 | 11 | 136 |
| 30 | אָפּסע | 2 | 2 | 10 | 31 |
| 41 | מוראַוואַנקע | 2 | 2 | 14 | 36 |
| 42 | רימשאַן | 2 | 1 | 10 | 42 |
| 43 | נאָוואָגרודאָק | 1 | 1 | 3 | 75 |
| 44 | מערעטש | 1 | 1 | 5 | 150 |
| 45 | לושקי | 1 | 1 | 3 | 250 |
| 46 | זשעלודאָק | 1 | 1 | 8 | 50 |
| 47 | צירין | 1 | 1 | 7 | 174 |
| 48 | דעקשנע | 1 | 1 | 7 | 37 |
| 49 | אַנדריאַלישעק | 1 | 1 | 6 | 20 |
| 50 | נעמענטשין | 1 | 1 | 5 | 40 |
| 51 | מערניק | 1 | 2 | 5 | 10 |
| 52 | סקרידליאַווע | 1 | 1 | 3 | 34 |
| 53 | סאָבאָראָדז | 1 | 1 | 2 | 100 |
| 54 | אָלשאַן | 1 | 1 | 6 | 39 |
| 55 | ליפּנישעק | 1 | 1 | 4 | 47 |
| 56 | בודסלאַוו | 1 | 1 | 5 | 34 |
| 57 | בעליצע | 1 | 1 | 4 | 36 |
| 58 | קאַבילניק | 1 | 1 | 8 | 64 |
| 59 | סמעגנציאַן | 1 | 1 | 3 | 27 |
| 60 | ווילנע | 1 | 1 | 6 | 87 |
| 61 | גאַוויע | 1 | 1 | 4 | 33 |
| 62 | ראָקשין | 1 | 1 | 5 | 22 |
| 63 | סאָרגורצי | 1 | 1 | 6 | 95 |
| 64 | יוראַצישעק | 1 | 1 | 6 | 38 |
| 65 | ווערק | 1 | 1 | 4 | 104 |
| 66 | צלעכנאָוויטש | 1 | 1 | 5 | 16 |
| 67 | באַראַנאָוויטש | 1 | 1 | 8 | 58 |
| 68 | סאָריבאַנעק | 1 | 1 | 6 | 43 |
| | בסך-הכל | 2006 | 2003 | 9535 | 128.090 |

## טאַבעלע № 7

### רשימה פון די געלטער, וועלכע זיינען אויסגעגעבן געוואָרן אויף בעדער *)

1919—1921

| № | שטעטל | דאָ"אַרן (וואַלאָריזירט בערך) | № | שטעטל | דאָלאַרן (וואַלאָריזירט בערך) |
|---|---|---|---|---|---|
| 1 | ווירז | 770 | 29 | מערעץ | 40 |
| 2 | האַראָדישטש | 428 | 30 | גערדרויץ | 40 |
| 3 | קרעווע | 400 | 31 | לעפעל | 40 |
| 4 | קאַרעליטש | 400 | 32 | זשופראַן | 39 |
| 5 | ליובטש | 400 | 33 | נאָווי-דווער | 36 |
| 6 | דיסנע | 305 | 34 | ראַזשאַנקע | 36 |
| 7 | פּאָסטאַוו | 221 | 35 | אָרלאָווע | 35 |
| 8 | סמאָרגאָן | 178 | 36 | מאָליאַט | 35 |
| 9 | זשעלודאָק | 172 | 37 | דונילאָוויטש | 35 |
| 10 | דעווענישעק | 153 | 38 | סוויר | 35 |
| 11 | אָלשאַן | 150 | 39 | שירווינט | 33 |
| 12 | וואָלאָזשין | 150 | 40 | האנושישעק | 33 |
| 13 | ראַדוויגאָוו | 110 | 41 | אָלקעניק | 30 |
| 14 | איישישעק | 90 | 42 | פּאָרבערעזיע | 30 |
| 15 | ליפּנישעק | 88 | 43 | יאַשון | 30 |
| 16 | וואַסילישעק | 76 | 44 | קענע | 30 |
| 17 | קורענעץ | 74 | 45 | פּאָדוועלחע | 30 |
| 18 | יעזיע | 73 | 46—73 | באַלובעץ; אָשמענע; בעליצע; וואָרניאַן; גלובאָקע; לאַנדוואַראָווע; פּאָדבראָדז; אָראַן; ווישנעווע; מיכאַלישאָק; נעמענטשין; דעקשנע; פּאָנאַשישעק; מיישאָגאָלע; איגנאַלינע; דרויע; סטאַקלישאָק; פּליסע; שאָקאָל; ראַקאָוו; דוקשט; אוטאַטש; באַבינעץ; אָסטראָוועץ; לעבערעוויע; קריוויטשי; וואָראָנאָווע; קאַלסיניאָן. | 443 |
| 19 | אָסטרין | 61 | | | |
| 20 | סמענציאַן | 60 | | | |
| 21 | וועליטשאַן | 60 | | | |
| 22 | היידוציטעק | 56 | | | |
| 23 | שטושטין | 49 | | | |
| 24 | איוויע | 48 | | | |
| 25 | ראַדון | 48 | | | |
| 26 | ווילייקע | 45 | | | |
| 27 | טראַב | 45 | | | |
| 28 | סורגעל | 45 | | | |
| | | | | בסך-הכל | 5785 |

*) די געלטער זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן פון „יעקאָפּאַ“ אין די יאָרן 1919—1921 אויף צייטווייליגע רעמאָנטן אין זין פון גיכער הילף. פון זיי זיינען 2000 דאָלאַר פאַר ווירז, קאַרעליטש, ליובטש, קרעווע און האַראָדישטש אסיגנירט געוואָרן שפּעטער פון דער היימלאָזע-אָפּטיילונג פון ד. די ק.
אין די יאָרן 1922—1923 האָט אַנטוויקלט אַ ספּעציעלע צרבעט אויפן געביט פון בעדער-אויפבוי די מעדיצינייש-סאַניטאַרע צענטראַלע (ז. זייטן 166—168)

## טאַבעלע № 8

### אַלגעמיינע סומע אַרויסגעגעבענע פון „יעקאָפּאַ“ געלטער לויט די אַ.יפבוי-אַקציעס.

| № | פּאָנדן | דעי-קלע-ונגס-סעקסט: זייטן | דאָלאַרן (וואַלאָריזירט בערך) |
|---|---|---|---|
| 1 | אָפּגעשפּאָרטע געלטער . (2200+4100+2950) | 137,134,131 | 9250 |
| 2 | יק"א I . . . . . . | 146 | 38800 |
| 3 | לאָנדאָנער אוקראַאינער קאָמיטעט . . . . | 147 | 1670 |
| 4 | ד. י. ק. רעעמיגראַנטן. | 156 | 41600 |
| 5 | ד. ד. ק. קאָנסטרוקטיווע I און II . . . . . | 163 | 39500 |
| 6 | י.ק"א II . . . . . . | 165 | 21830 |
| 7 | באַנק פאַר קאָאָפּעראַטיון | 166 | 4600 |
| | בס· הכל | | 157250 |

## טאַבעלע № 9

### אַלגעמיינע סומע אַרויסגעגעבענע פון „יעקאָפּאַ“ געלטער אין די וויכטיקערע אויפבוי-פּונקטן.

| № | שטעטל | אויף הייזער | געזעל. בנינים | בנין פון פאָלקס-שול (פאָלקס-הויז) | בעדער | בסך-הכל דאָלאַרן (וואַלאָריזירט בערך) |
|---|---|---|---|---|---|---|
| 1 | סמאָרגאָן | 25554 | 2215 | 6206 | 178 | 34153 |
| 2 | ווירז | 13409 | 1283 | 3714 | 770 | 20176 |
| 3 | קאַרעליטש | 13997 | — | 2422 | 400 | 15819 |
| 4 | ליובטש | 14058 | — | 1074 | 400 | 15532 |
| 5 | קרעווע | 8958 | — | 1376 | 400 | 10734 |
| 6 | ליאַכאָוויטש | 8515 | — | — | — | 8515 |
| 7 | האַראָדישטש | 5151 | — | 909 | 428 | 6088 |
| 8 |ווישנעווע | 5084 | — | 568 | — | 5652 |
| 9 | פּאָסטאַוו | 3484 | — | — | 221 | 3705 |

מ. שאַליט

# פאָלקסהייזער (בנינים פאַר פאָלקסשולן).

.1

אין משך פון אַ פאַרהעלטניסמעסיק־קורצער צייט איז אויפגעשטאַנען תחית המתים אַ ריי פון אונזערע שטעטלעך, וואָס זיינען חרוב ומוחרב געוואָרן פון דער מלחמה.

פון יאָר 1921 ביז 1924 איז אויפגעבויט געוואָרן אַ גאַנצע געגנט אויף אַזוינע קליינע געלטער, אַז אָפטמאָל גלויבט זיך אַליין ניט אין דער מעגלעכקייט פון דעם נס.

ווען, אָבער, מען שאַצט אָפּ די אַ ר ב ע ט, וואָס איז אַריינגעלייגט געוואָרן אין דער דאָזיקער אויפבויאונג, דעם גייסט, וואָס האָט געהערשט ביים דורכפירן די אַרבעט, די ענערגיע, די איבערגעבנקייט, די מסירת־נפש פון די פיאָנערן, איניציאַטאָרן, פירער און בונים, די סיסטעם און אופן פון פאַרווירקלעכן אין לעבן די אויפבוי־אַקציע, — ווערט ערשט קלאָר און פאַרשטענדלעך, ווי אַזוי מען האָט בעקענט אין אַ משך פון 3 יאָר צייט ביי זייער שווערע באַדינגונגען און ביי זייער באַגרענעצטע מיטלען דערגרייכן אַזוינע קענטיקע רעזולטאַטן.

די אַרבעט איז שוין אַריבער אין דער געשיכטע, און די שווערע ביטערע צייטן, — ווען די רעפּאַטריאַנטן, אומקערנדיק זיך אין זייערע היימען, האָבן געפונען חורבות און ווילד־פאַרוואַקסענע פעלדער און האָבן זיך באַזעצט און געוואַלגערט מיט זייערע פאַמיליעס אין טראַנשייעס, אָקאָפּעס, קעלערס, גריבער און לעכער, — זיינען שוין אַוועק און האָבן זיך פאַרלאָרן אין דעם היסטאָרישן קנויל פון שאַפערישע מעשים, ווען פון טאָג צו טאָג זיינען אויפגעשטאַנען הייזער נאָך הייזער און לעבעדיקע מתים האָבן אויפגעלעבט צו אַ פּראָדוקטיווער מענטשלעכער עקסיסטענץ.

די איבער 2000 בנינים, וואָס זיינען אויפגעבויט געוואָרן אין אָנגערופענעם משך צייט אדאַנק די אויפבוי־הלוואות און אויפבוי־טעטיקייט פון „יעקאָפּאָ" און די קרוב 10,000 רעפּאַטריאַנטן, וואָס זיינען דערביי אויפגעריכט געוואָרן צו אַ שאַפערישן מענטשלעכן לעבן, האָבן אויפגעלעבט אונזער קאַנט און האָבן געגעבן דעם אימפּולס צו בויען נאָך הונדערטער הייזער און די מעגלעכקייט איינצואָרדענען זיך נאָך טויזנטער רעפּאַטריאַנטן שוין אָן דער דירעקטער הילף פון „יעקאָפּאָ", ווייל ס'זיינען אויפ־



געשטאַנען צו אַ נייע לעבן טויט־געשלאָגענע פון דער מלחמה יידישע ישובים און ס'זיינען אויפגעריכט געוואָרן עקאָנאָמיש און סאָציאַל צורואינירטע עד היסוד צענדליקער שטעטלעך.

.2

אין די יאָרן 1921 — 1922, ווען די אויפבוי־אַרבעט איז געגאַנגען אין איין טעמפּ מיט דער רעפּאַטריאַציע־אַרבעט, האָט „יעקאָפּאָ" צוגלייך מיט די יחידישע בנינים, אויף וועלכע זי האָט אַרויסגעגעבן הלוואות, אויפגעבויט, אַלס גיכע הילף, איינגאַנצן אויף אייגענע מיטלען פון פאַרשיידענע פאָנדן (דער עיקר, אָבער, פון דער הימלאָזע־אָפּטיילונג פון ד. ה. ק.) אַזוי־גערופענע ג ע ז ע ל ש אַ פ ט ל ע כ ע ב נ י נ י ם, אָדער ריכטיקער ג ע מ י י נ ז אַ מ ע וואוינונגען פאַר די הימלאָזע רעפּאַטריאַנטן (רעעמיגראַנטן), וואָס האָבן זיך אומגעקערט אַהיים פון רוסלאַנד און אוקראַינע און האָבן זיך ניט געהאַט וואו אַהינצוטאָן. דער צופלוס פון די רעפּאַטריאַנטן איז געגאַנגען גיכער און סטיכישער, ווי דאָס בויען די יחידישע הייזער, און ס'איז געווען נייטיק אַרויסצונעמען די מענטשן פון די טראַנשייעס, קעלערס און אָקאָפּעס און אָנגרייטן אַן אָרט פאַר די אַלץ־צוקומענדיקע רעעמיגראַנטן, וועלכע זיינען געפלאָסן אין גאַנצע עשאַלאָנען. חוץ דעם האָט מען געמוזט ספּעציעל באַזאָרגן די שוואַכסטע און אָרימסטע פון די רעפּאַטריאַנטן, וועלכע האָבן זיך ניט געקענט גלייך נעמען צו בויען פאַר זיך הייזער און זיי האָבן געדאַרפט האָבן אַ צייטווייליקן מקום מנוחה.

אָט פאַר די אַלע עלעמענטן האָט „יעקאָפּאָ" אויסגעבויט אָדער רעמאָנטירט 6 געזעלשאַפטלעכע בנינים אין סמאָרגאָן (ז. זייטן 93—96) און 2 אין ווירז.

אין ס מ אָ ר ג אָ ן, וואו דער רעעמיגראַנטן־שטראָם איז געווען באַזונדערס שטאַרק, זיינען אַלס געזעלשאַפטלעכע בנינים א ו י ס ג ע ב ו י ט ג ע ו ו אָ ר ן פ ו ן ד אָ ס נ י י :

1. אַ הילצערנער בנין פון 26 אויף 10 אַרשין (ז. דעם בילד אויף ז. 157). מען האָט אים נאָך אָנגעהויבן צו בויען אין יאָר 1920 (ז. זייטן 135—136) און פאַרענדיקט אין יאָר 1921. געפינט זיך



לעבן בית־מדרש. נאָכן באַפרייען אים פון די רעעמיגראַנטן איז ער רעמאָנטירט און צוגעפּאַסט געוואָרן פאַר דעם סטאָלעריי־וואַרשטאַט פון „יעקאָפּאָ" און „אָרט" און נאָכדעם, ווי דער וואַרשטאַט איז אַריבער אין בנין פון אינטערנאַט (ז. ווייטער), איז ער פאַרנומען געוואָרן דורך דער פאָלקסבאַנק.

2. אַ הילצערנער בנין פון 21 אויף 10 אַרשין. געפינט זיך לעבן בית־עולם. ער איז אויפגעבויט געוואָרן אין מערץ 1922. דעם בנין האָט געהאָלפן בויען דער סמאָרגאָנער קאָמיטעט אויף די מיטלען פון רעליעף. נאָכן אַרויסגיין פון די רעעמיגראַנטן איז ער רעמאָנטירט און צוגעפּאַסט געוואָרן פאַר דער פאָלקסשול, וועלכע האָט זיך שפּעטער אַריבערגעקליבן אין מויער פון אינטערנאַט, און דער בנין איז פאַרנומען געוואָרן אויף קהלשע הצטרכותן.

ס'זיינען רעמאָנטירט געוואָרן:

3. די שעכטהויז. אַ גרויסער געמויערטער בנין פון 33 אויף 18½ אַרשין. ער איז ספּעציעל צוגעפּאַסט געוואָרן פאַר אַן אויפנאַם־הויז און איז אויסגעצאַמט געוואָרן אין צימערלעך פאַר באַזונדערע פאַמיליעס, כדי אויסצומיידן די נעגאַטיווע זייטן פון די מאַסן־וואוינונגען. שפּעטער האָט ער געדינט אַלס איזאָליאַטאָר פאַר די קראַנקע קינדער פון אינטערנאַט. אין יאָר 1925 האָט ער געזאָלט צוריק פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ שעכט־הויז.

4. דער בית־מדרש. אַ גרויסער געמויערטער בנין (ז. דעם בילד אויף ז. 157). אין דעם רעמאָנטירטן אונטערשטן עטאַזש האָט זיך אויך געפונען די קינדער־קיך פון „יעקאָפּאָ" און ק. פ. ד. אויפן אויבערשטן עטאַזש, וועלכער איז רעמאָנטירט געוואָרן מיט דער הילף פון רעליעף, האָבן זיך אין דער ערשטער צייט געפונען דער לאָקאַל פון קאָמיטעט, די פאָלקסשול און די ביבליאָטעק. שפּעטער איז ער איבערגעגעבן געוואָרן זיין אייגענטלעכן צוועק.

די איבעריקע 2 געזעלשאַפטלעכע בנינים אין סמאָרגאָן האָבן זיך געפונען אין געדונגענע דורך „יעקאָפּאָ" פּריוואַטע דירות.

אין די סמאָרגאָנער געזעלשאַפטלעכע בנינים זיינען איבערגעווען העכער 600 רעפּאַטריאַנטן.

אין ו ו י ר ז האָט „יעקאָפּאָ" רעמאָנטירט און געהאָלפן אויפבויען אַלס געזעלשאַפטלעכע בנינים 2 בתי־מדרשים, אין וועלכע ס'זיינען איבערגעווען עטלעכע צענדליק רעפּאַטריאַנטן און וועל־

נע זיינען שפעטער איבערגעגעבן געווארן זייערע אייגנטלעכע צוועקן.

די אלע געזעלשאפטלעכע בנינים האבן עקסיסטירט אלס אזעלכע ביזן יאר 1923 און אחוץ די צוויי פרעמדע, געדונגענע פריוואטע בנינים, האט „יעקאפא" זיי אלעמען איבערגעגעבן אין רשות און אייגנטום פון די ארטיקע קהלות, וועלכע האבן דורכדעם באקומען ניי-אויפגעבוי־טע און גוט-רעמאנטירטע קהלשע בנינים פאר די הצטרכותן פון גאנצן שטעטל.

3.

די דאזיקע געזעלשאפטלעכע בנינים האבן, אבער, בעהאט בלויז צייטווייליקע עובדות און זיינען געווען אויף גיך צו־געפאסט צו די פאדערונגען פון מא־מענט. אויסנוצן זיי פאר ברייטערע, גרעסערע און דויערנדיקערע אויפגאבן איז בעזין ניט מעגלעך הן פאקטיש והן טעכניש. ווידער זיינען אזוינע געזעל־שאפטלעכע בנינים געווען אויפגעבויט אדער רעמאנטירט נאר אין סמארגאן און טיילווייז אין ווידז. די בתי-מדרשים זיינען, נאטירלעך, אומגעקערט געווארן די מתפללים. די פארבליבענע, אלזא, דריי געזעלשאפטלעכע בנינים אין סמאר־גאן זיינען אויסגעניצט געווארן, ווי אויבן בעזאגט אויף די געהעריקע נויטן פון שטעטל.

מיטן אויפבויען זיך פון די חרוב-גע־ווארענע פון דער מלחמה שטעטלעך, נאכדעם, ווי די יחידישע הייזער זיינען אויפגעריכט געווארן און ס'האט זיך אנ־געהויבן שאפן די מעגלעכקייט פון א קהלשן לעבן, האט זיך קודם-כל גע־לאזט פילן אלץ שארפער און שארפער די נויטווענדיקייט פון **בנינים פאר יידישע פאלקסשולן**, וואו די קינדער פון די רעפאטריאנטן זאלן גע־פינען א היים פאר לערנען און ערצי־אונג און זאלן ניט אומקומען גייסטיק און פיזיש פון הפקרות און דעמאראלי־זאציע, וואלגערנדיק זיך אויף די גאסן און מערק פון די חרובע מלחמה-שטעטלעך.

אט אויף די קינדער, וועלכע האבן איבערגעטראגן אלע ספעציפישע ענויים פון גירושים, פון נע ונד, פאגראמען, בירגער-קריג, רעוואליוציעס, רעעוואקו־אציע וכדומה, האט מען געדארפט לייגן א באזונדערע אויפמערקזאמקייט, ארומ־רינגלען זיי מיט א באזונדערער השגחה, שטארקן זיי פיזיש און געבן זיי די מעגלעכקייט פון עלעמענטארער ביל־דונג.

ס'האט זיך גלייכצייטיק געשטעלט די פראבלעם פון א פאלקסשול און פון א היים פאר קינדער-פארזארגונג.



אויך פאר אלע איבעריקע הצטרכותן פון א וועלטלעך-גייסטיקן לעבן, אן וועלכן קיין שום קבוץ קען ניט עקזיס־טירן געזעלשאפטלעך, איז ניט געווען אפילו קיין סימן פון א בנין. און ווען די פריוואטע הייזער זיינען אויפגעבויט געווארן, זיינען די שטעטלעך געזעל־שאפטלעך אלץ פארבליבן רואינעס.

נאך דער פריוואטער אויפבויאונג האט דעריבער געמוזט קומען אלס איר בא־קרוינונג, פארפולקאמונג און דערגאנ־צונג די געזעלשאפטלעכע אויפבויאונג, וואס האט ערשט אומגעקערט דער שטעטל איר קהלשן כאראקטער, גע־געבן איר די מעגלעכקייט פון א גע־זעלשאפטלעכן לעבן און גייסטיקער אנט־וויקלונג.

4.

אזוינע קהל'שע בנינים האט „יעקאפא" אויסגעבויט 7 אין די אממערסטן צורוא־נירטע שטעטלעך פון ווילנער און נא־וואגרודקער געגנט, ווי סמארגאן, קרעווע, ווידז, ווישנעווע, קארעליטש, ליובטש און האראדישטש.

די דאזיקע בנינים, וועלכע זיינען אויסגעבויט געווארן מיטן צוועק קודם־כל צו באזארגן די רעפאטריאנטן-קינ־דער, און זיינען אלע פארנומען פאר פאלקס-שולן, שטעלן פאר אין דער ווירקליכקייט נאך א גרעסערן ווערט און דערפילן פאקטיש אלע קולטור-גע־זעלשאפטליכע פונקציעס פון אמתע **פאלקסהייזער** אין קולטורעלן זין פון ווארט, וועלכע זיינען דער צענטער

פאר אלץ, וואס לעבט און שאפט אין די אויפגעריכטע שטעטלעך.

די בנינים זיינען אויסגעבויט געווארן אויף די מיטלען פון דער היימלאזע־אפטיילונג פון ד. ד. ק. און באזונדערס דארפן דא אנערקענט ווערן די פאר־דינסטן פון הויפט-דירעקטאר פון ד. ד. ק. ד־ר בערנארד כהן ז״ל, דעם דירעקטאר פון ד. ד. ק. אין פוילן ז. שווייצער, וועלכע האבן ארויסגעוויזן די פולע פאר־שטענדעניש פאר דער זאך, ווי אויך פון די באפולמעכטיקטע פון ד. ד. ק. י. גיטער־מאן און י. ווירניק, וועלכע האבן שטארק געשטיצט די מעמאראנדומס און די בא־מיאונגען פון „יעקאפא" אין דער זאך.

די ערשטע בנינים — אין סמארגאן, קרעווע, ווידז, און קארעליטש, — האט מען אנגעהויבן בויען אין אויגוסט—סעפטעמבער 1922 און פארענדיקט אין יוני—אווגוסט 1923; דער בנין אין וויש־נעווע איז געבויט געווארן אין משך פון פרילינג 1923 און די איבעריקע בנינים— אין ליובטש און האראדישטש, — האט מען אנגעהויבן בויען אין יולי—אווגוסט 1923 און פארענדיקט אין אקטאבער 1924.

די פלעצער פאר די בנינים האבן גע־געבן די שטעטלעך.

די אלגעמיינע סומע, וואס איז אויס־געגעבן געווארן פון „יעקאפא" אויף אויסצובויען די 7 פאלקס-הייזער, בא־טרעפט, וואלאריזירט בערך, 17269 דאל.*).

בענויערע ידיעות וועגן די בנינים גיט די פאלגנדע סומארע טאבעלע:

די אויסגעבויטע דורך „יעקאפא" פאלקס-הייזער:

| שטעטל | צאל פאלקס־הייזער | סומע אין דאלארן | כאראקטער פון בנין | אומפאנג פון בנין אין קובישע קלאפטער | אויסגעבויט אין יאר |
|---|---|---|---|---|---|
| סמארגאן | 1 | 6206 | מויער | $252^{72}$ | 1923 |
| קרעווע | 1 | 1376 | הילצערנער | $67^{27}$ | 1923 |
| ווידז | 1 | 4714 | מויער | $270^{13}$ | 1923 |
| ווישנעווע | 1 | 568 | הילצערנער | $54^{56}$ | 1923 |
| קארעליטש | 1 | 2422 | „ | 152— | 1923 |
| ליובטש | 1 | 1074 | „ | 66 — | 1924 |
| האראדישטש | 1 | 909 | „ | $51^{22}$ | 1924 |
| בסך-הכל | 7 | 17269 | — | — | — |

ס'איז וויכטיק אפצושטעלן זיך אויף יעדן פונקט באזונדער.

סמארגאן.

סמארגאן ליגט 82 קילאמעטער פון ווילנע אויפן אייזנבאן ווילנע—מאלא־דעטשנע און איז געווען איינער פון די גרעסטע פונקטן אין ווילנער געגנט.

פאר דער מלחמה האט סמארגאן

*) שוין אין די ערשטע צייטן פון איר ארבעט, אין די יארן 1919—1921, האט „יעקאפא" געשטיצט אלע באמיאונגען צו מאכן מעגליך, אז די קינדער זאלן זיך האבן וואו צו לערנען. צו דעם צוועק האט זי ארויסגעגעבן איבער 40 סובסידיעס אין א גאנצער ריי שטעטלעך (איגנאלינע, ארען, נייסווענציאן, סאל, סווענציאן, מיכאלישעק, קריוויטש, וואלאזשין, וואסילישעק, קורענעץ, ראדון, אסטראווע, ארלאווע, דיסנע, פאסטאוו, איוויע, דעווענישעק, ווארנאווע, הייזשיעק, רובילאוויטש, קראסנע און אנדערע) אויף קלענערע רעמאנטן פון דירות און בנינים פאר פאלקס־שולן. די ארויסגעגעבענע סומעס האבן באטראפן, וואלאריזירט בערך, 2164 דאלאר. אויף אזא אופן איז צוזאמען ארויסגעגעבן געווארן אויף בנינים פאר פאלקס-שולן 19433 דאלאר.

אַנטוויקלט אַ שטאַרקע לעדער-פאַבריקאַציע און האָט געשמט פאַר אַ באַדייטנדן אינדוסטריע-צענטער, וועלכער פלעגט שיקן זייגע אויסאַרבעטונגען אויפן ווייטן און גרויסן רוסישן מאַרק.

פון דער מלחמה איז סמאַרגאָן חרוב ומוחרב געוואָרן. ס'איז ניט געבליבן קיין איין הויז, קיין שטיין אויף אַ שטיין. די שטעדטל איז אָפּגעמעקט געוואָרן פון דער ערד.

אין דער אויפבוי-אַקציע פון „יעקאָפּאָ“ האָט סמאַרגאָן, נאַטירלעך, פאַרנומען אַ גרויסן אָרט און איז פיבערהאַפט געבויט געוואָרן. די אַרבעט איז דאָ אָנגעקומען זייער שווער, אָבער ס'איז דערגרייכט געוואָרן דער מאַקסימום פון דעם, וואָס ס'איז געווען מעגליך. אָנהויבנדיק פון 1 איינוואוינער-בונה, האָט שוין סמאַרגאָן אין יאָר 1925 ווידער אַ היפּשע באַפעלקערונג און פון איר איבער 2000 יידן.

אויך בנוגע דער פאָלקסהויז איז סמאַרגאָן אויסגעשטעלט געוואָרן אויף איינעם פון די ערשטע ערטער און דאָ איז אויסגעבויט געוואָרן אַ פונדאַמענטאַלער בנין.

דער בנין באַשטייט דאָ פון אַ גרויסן צוויי-גאָרנדיקן מויער, וועלכער איז דער שענסטער און מאָדערנסטער אין שטעטל. ער איז געבויט אונטער דער אויפזיכט פון אַרכיטעקטאָר פ. סמאַרגאָנסקי.

דער בנין איז געבויט פון ציגל און איז געדעקט מיט דאַכעלקעס. ער פאַרמאָגט 14 צימערן מיט קאַמערן, וועלכע זיינען געווען ספּעציעל צוגעפּאַסט פאַר זייער צוועק פון אַן אינטערנאַט און דערנאָך פאַר דער פאָלקס-שול און אַנדערע קולטורעלע איינריכטונגען.

אויפן ערשטן גאָרן האָבן זיך געפונען: 1) אַן עס-צימער, 2) רעקרעאַציאָנס-זאַל מיט אַ בינע, 3) אַ צימער אויף אויסצוטאָן די אויבער-קליידער, 4) וואַש-צימער מיט קראַנען, 5) אַ קיך, 6) אַ צימער פאַר אַ באַדינער.

אויפן צווייטן גאָרן: 1) אַ שלאָף-צימער אויף 30 בעטן, 2) אַ צווייטער שלאָף-צימער אויף 35 בעטן, 3) דריי וואוין-צימערן, 4) אַ קיך, 5) אַ וועש- און קליידער-צימער.

חוץ דעם האָט דער בנין אַ גוט-געבויטן קעלער, אַ קאַמער פאַר שפּייז, אַ קאַמער פאַר האָלץ, אַ וואַרעמען קלאָזעט, אַ ברונים מיט וואַסערלייטונג וכדומה.

פון מאַי 1923 ביז פסח 1924 האָט זיך אין בנין געפונען אַן אינטערנאַט פאַר 60 נויטבאַדערפטיקע רעפּאַטריאַנטן-קינדער,



יינגלעך און מיידלעך, פון זיי אַ טייל גאַנצע אָדער האַלבע יתומים.

מיט דעם דאָזיקן אינטערנאַט (זעט זייטן 95—97), וועלכער איז געגרינדעט געוואָרן פון „יעקאָפּאָ“ אין דעצעמבער 1922 און האָט זיך געפונען, ביז וואַנען מען האָט אויסגעבויט דעם בנין, אין עטלעכע פאַרשיידענע דירות, איז צוזאַמען מיטן דערנערונגס-פּונקט פאַר 160 קינדער, וואַרשטאַטן און פאָלקס-שול, פאַרענטפערט געוואָרן אין משך פון דער שווערסטער און ביטערסטער צייט די דרינגענדע פּראָבלעם פון קינדער-פאַרזאָרגונג אין סמאַרגאָן.

נאָכן ליקוו ידירן דעם אינטערנאַט איז אַריבערגעפירט געוואָרן אין בנין די פאָך-



די פאָלקהויז אין סמאַרגאָן (פאַסאַד).



די פאָלקסהויז אין סמאַרגאָן (זייטיקער פליגל).

קרעווע.

23 קילאָמעטער פון סמאַרגאָן מיט פור, אויף זייער שלעכטע וועגן, דורכגעגראָבענע מיט אָקאָפּעס און טראַנשייען פון די געוועזענע קאַמף-פּאָזיציעס, צו-



שול פאַר סטאָלעריי און דערנאָך — די פאָלקס-שול און די ביבליאָטעק (אויפן אויבערשטן גאָרן) און לערן-וואַרשטאַטן (אויפן אונטערשטן גאָרן).

די פאָלקסהויז באַשטייט פון אַ פאַסאַד-פליגל, וואָס האָט אין דער לענג 10 קלאַפטער, אין דער ברייט 4 קלאַפטער און אין דער הויך 3,93 קלאַפטער, מיט אַ זייטיקן פליגל, וואָס האָט אין דער לייגנג 6 קלאַפטער, אין דער ברייט 4 קלאַפטער און אין דער הויך 3,98 קלאַפטער. דער אַלגעמיינער אומפאַנג (קובאַטור) פון בנין באַטרעפט 252,72 קובישע קלאַפטער. דער בנין איז געבויט אין דעם פאָרם פון אַן איבערגעקערטן בוכשטאַב „טע“.

האַקטע און צונישטערטע פון די מלחמה-פאַרפעסטיגונגען און פאַרצאַמונגען, ליגט קרעווע,—אַ שטיל און פאַרוואָרלאָזט שטעטל מיט אַ גרויסער היסטאָרישער פאַרגאַנגענהייט.

ביז היינטיגן טאָג איז נאָך פאַרבליבן

אַלס עדות פון די אַמאָליקע שטורמישע ליטוישע צייטן דער שטאָלצער גרויס-פירשטליכער שלאָס, וועלכער ליגט מאַ-לעריש אויסגעשפרייט אין שטעטל אויף אַ היגשן שטח אין מויער-פעסטע רואינען.

גאַנץ נאָענט פון אָט דעם שלאָס, אויף דער יידישן קהלשן פלאַץ, שטייט די אויסגעבויטע פון „יעקאָפּאָ“ שיינע היל-צערנע פאָלקס-שול, וואו ס'לערנען זיך אַלע יידישע קינדער פון שטעטל.



די פאָלקסהויז אין קרעווע.

אויבן—דער בנין פון דער פאָלקסשול (פון דער היינטערשטער זייט). אונטן—די קינדער פון דער פאָלקסשול, בראש מיט דעם אָרטיגן כלל-טוער אהרן אבראַמסאָן (רעכטס) און לערער (לינקס).



די פאָלקסהויז אין קרעווע (פאַסאַד).







דער בנין, וועלכער איז אַן אמתע פאָלקסהויז פאַר דער פאַרוואָרפענער שטעטל און אַ צענטער פאַר אַלע אירע קולטורעלע הצטרכותן, איז אויפגעבויט אויף אַ שטיינערנעם פונדאַמענט, 14 ווערשאָק די הויך פון דער ערד. דער בנין איז אַן איינגאָרנדיקער, האָט אין דער הויך פון דרויסן 5 אַרשין מיט 3 ווערשאָק, פון אינעווייניק 4 אַרשין מיט 11 ווערשאָק, אין דער לייגג 20 אַרשין און אין דער ברייט 15 אַרשין. דער אַלגעמיינער אומפאַנג—67 27 קובישע קלאַפטער.

דער בנין באַשטייט פון 3 קלאַס-צי-מערן, 1 לערער-צימער, 1 ביבליאָטעק-צימער און 1 רעקרעאַציאָנס-זאַל. חוץ דעם — אַ פאָרהויז, אַ גאַניק-אַריינגאַנג, קלאָזעט, אַ פרייער פלאַץ צו שפילן זיך פאַר די קינדער. דער בנין מיטן פלאַץ זיינען אַרומגעצאַמט.

דער בנין איז געבויט געוואָרן אונטער דער אויפזיכט פון קרעווער כלל-טוער אהרון אבראַמסאָן, וועלכער האָט ניט איין מאָל אַרויסגעוויזן איניציאַטיוו, ענערגיע און איבערגעבנקייט לטובת דעם אויפבויען זיין שטעטל פון די שרעקליכע מלחמה-חורבנות.

די אויפבויאונג פון בנין אין קרעווע ווי בכלל די אויפבוי-אַרבעט פון „יעקאָ-פּאָ“ אין דעם דאָזיקן פאַרלאָזענעם ווינקל פון געוועזענעם פראָנט-פאַס, האָט באַ-קומען די פולע אָנערקענונג אפילו אין דער ניט-יידישער פרעסע און געזעל-שאַפט.

קרעווע איז אַזוי ווי סמאָרגאָן אינ-גאַנצן צושטערט געוואָרן פון דער מלחמה און איז צוריק אויפגעבויט געוואָרן אַדאַנק די אויפבוי-הלוואות פון „יעקאָפּאָ“.

אין יאָר 1925 האָט שוין קרעווע ווידער געהאַט אַ יידישע באַפעלקערונג פון איבער 500 פערזאָן.

## וויידז.

וויידז ליגט 26 קילאָמעטער מיטן פור פון דער אייזנבאַן-סטאַנציע דוקשט אויף דער ליניע ווילנע—דווינסק. פון דער מלחמה איז וויידז חרוב געוואָרן עד היסוד. האָט זיך אָפּגעבויט אינגאַנצן אַדאַנק „יעקאָפּאָ“. איצט איז וויידז ווידער אַ בליהענדע שטעטל מיט אַ פאַרהעלטניס-מעסיג גאַנץ שטאַרקן געזעלשאַפטליכן לעבן.

אַרומגערינגלט מיט פראַכטפולע אָזיע-רעס, אין אַ שענער געגנט, באַזיצט וויידז אַ באַזונדערן חן.

די ווידזער באַפעלקערונג איז אַ ביז גאָר פאַרשיידנאַרטיגע: רוסן-סטאַראָוויערן, טאַטאַרן, יידן-חסידים פון ליטווישן טיפּ,

פּאָליאַקן, אַ צערקווע, מעטשעט, בתּי־מדרשים, אַ קאָשציאָל.

אין יאָר 1925 איז דאָ די יידישע באַפעלקערונג שוין באַשטאַנען פון איבער 1000 פּערזאָן,—אַזוי ווי אין סמאָרגאָן און קרעווע אַלע רעפּאַטריאַנטן, וואָס האָבן זיך פון סיביר אויפגעבויט.

אַדאַנק דער באַזונדערער ליבע און איבערגעבנקייט פון די אָרטיקע כּלל־טוער, ווי מענדל קליומל, ברוך זלאָטקין און יעקב דוד מאַליאַטסקי, איז די אויפבוי־אַרבעט אין ווידז אַוועק מיט אַ שנעלן טעמפּ און די שטעדטל איז גיך אויפגעשטאַנען פון די חורבות. די אַרבעט איז דאָ געווען קלענער ווי אין סמאָרגאָן, אָבער ניט ווייניגער וויכטיק און דערביי אַ סך אָנערקענטער און דאַנקבאַרער.

ברוך זלאָטקין און יעקב מאַליאַטסקי האָבן נאָך ספּעציעל באַזונדערע פאַרדינסטן בנוגע דעם אויפשטעלן אין זייער שטעדטל אַ ריי לעבנספּעציקע און גויטיקע אינסטיטוציעס, און דער עיקר בנוגע דער פאָלקסהויז, וואָס „יעקאָפּאָ" האָט אויפגעבויט אין ווידז.

דעם פּלאַץ פאַרן בנין האָבן געשאָנקען און אָפּגעשריבן אויפן נאָמען פון „יעקאָפּאָ" די ברידער שמעון און ברוך זלאָטקין.

דער פּלאַץ איז אַ הויכער און טרוקענער, געפינט זיך אין דעם בעסטן טייל פון שטאָט און אַרום אים זיינען פאַראַן אַ סך גערטנער.

דער בנין איז אַ צוויי־גאָרנדיקער, געבויט פון ציגל און געדעקט מיט דאַכעלקעס. אין דער לייגג האָט ער 10,80 קלאַפטער, אין דער ברייט 5,36 מיט אַ צוגאָב פאַר דער טרעפּ־פאָרהויז צום בנין אויף דער לייגג פון 4,60 קלאַפטער און אויף דער ברייט פון 1,50. דער בנין האָט אַ ברונים און אַ ריי באַקוועמליכקייטן. געבויט איז ער אונטער דער אויפזיכט פון אַרכיט. ד. ראָזענהויז.



די פאָלקסהויז אין ווידז (דער גאַנצער בנין בעתן בויען).



די פאָלקסהויז אין ווידז (פאַסאַד).



די אַלגעמיינע קובאַטור פון בנין איז 270,13 קלאַפטער. ער איז דער גרעסטער בנין פון די 7 פאָלקס־הייזער, וואָס „יעקאָפּאָ" האָט אויסגעבויט אין די חרובֿ־געוואָרענע פון דער מלחמה פונקטן.

אין ערשטן גאָרן פון בנין געפינען זיך 6 צימערן, פון זיי 4 פאַר קלאַסן, 1 פאַר אַ ביבליאָטעק און לערער־צימער און 1 אויף אויסצוטאָן די אויבער־קליידער און צו וואַשן זיך (מיט אַ וואַשטיש און קראַנען).

אויפן צווייטן גאָרן געפינט זיך אַ גרויסער, ליכטיגער רעקרעאַציאָנס־זאַל מיט אַ בינע און 2 ביי־צימערן.

די טרעפּ צום צווייטן גאָרן זיינען געמאַכט פון בעטאָן־צעמענט. אונטער די טרעפּ געפינט זיך אַ צימער פאַרן באַדינער.

די הויך פון די צימערן אין ערשטן גאָרן איז 4 אַרשין 8 ווערשאָק און אין צווייטן—6 אַרשין 5 ווערשאָק.

דער בנין אין ווידז הייסט טאַקע פאָלקסהויז און פאַרדינט דעם נאָמען אין פולן זין פון וואָרט. ער איז דער אמת'ער צענטער פון דעם גאַנצן קולטורעלן לעבן אין שטעטל און פון דער גאַנצער דאָרטיקער יידישער געזעלשאַפטליכקייט. אין בנין איז קאָנצענטרירט די פאָלקסשול, די ביבליאָטעק, די דראַמאַטישע סעקציע, דער מוזיקאַלישער קרייזל; אין די ביי־צימערן אויפן צווייטן גאָרן, דורך אַ באַזונדערן אריינגאַנג, געפינען זיך דער קאָמיטעט און די פאָלקסבאַנק. אין רעקרעאַציאָנס־זאַל קומען פאָר אַלע קהל'ישע פאַרזאַמלונגען, ספּעקטאַקלען, אָוונטן, לעקציעס, רעפעראַטן, רעפּעטיציעס פון דער דראַמאַטישער סעקציע און פון אָרקעסטער וכדומה. די הכנסות פון די אונטערנעמונגען גייען צו שטייער אויף קהלשע הצטרכותן, אויף דער פאָלקסשול א. א. וו.

דער בנין פון דער פאָלקסהויז האָט געגעבן ווידז די מעגליכקייט צו לעבן געזעלשאַפטליך און גייסטיק און איז געוואָרן אַהיים פאַר אַלע לעבעדיקע כּחות פון שטעטל, יונג און אַלט.

## ווישנעווע.

ווישנעווע ליגט 82 קילאָמעטער פון ווילנע מיטן באַן און פור, אויף דער אייזנבאַן־ליניע ווילנע—לידע—באַוויע—סט. באָגדאַנאָוו און פון דאָרט אַ שעה רייזע מיטן פור ביזן שטעטל.

פון דער מלחמה איז ווישנעווע נאָר טיילווייז חרוב געוואָרן, אָבער די צושטערונגען זיינען געווען גענוג גרויס. די אויפבוי־אַרבעט איז דאָ געפירט געוואָרן גאַנץ אינטענסיוו. אין יאָר 1925

האָט די יידישע באַפעלקערונג באַטראָפן איבער 1000 פערזאָן.

לויט דער איניציאַטיוו פון אָרטיקן קאָמיטעט האָט דער ווישנעווער רעליעף אין אַמעריקע אַסיגנירט אַ געוויסע סומע, אויף וועלכער ס'איז אין יאָר 1921 אויסגעבויט געוואָרן אַ קליינער הילצערנער בנין פאַר אַ פאָלקסשול. דער דאָזיקער בנין האָט זיך, אָבער, באַלד ארויסגעוויזן פאַר ניט צוגעפּאַסט און צו ענג פאַר דער צאָל תלמידים, וואָס ווישנעווע פאַרמאָגט. דערהויפּט ווען די שטעטל האָט זיך אַלץ מער אָפּגעבויט אַדאַנק די אויפבוי־הלוואות פון „יעקאָפּאָ". ס'איז



די פאָלקסהויז אין ווישנעווע.

33 אַרשין די לענג און $9\frac{1}{4}$ אַרשין די ברייט. די הויך פון די צימערן אינעווייניק—4 אַרשין 2 ווערשאָק.

דער בנין פאַרמאָגט 7 צימערן, פון זיי פינף קלאַס־צימערן, 1 לערער־צימער און 1 צימער פאַרן באַדינער.

פון דער פאַסאַד־זייט, אין דער לענג פון די צימערן, פאַרויס פון די קלאַסן איז איינגעאָרדנט אַ ליכטיקער קאָרידאָר פון 17 אַרשין די לייגג און 2 אַרשין



דעריבער געוואָרן אומבאַדינגט נויטיג צו פאַרענדיגן די אָנגעהויבענע ארבעט און דערבויען דעם בנין פאַר זיין אייגענטליכן צוועק. דערצו האָבן איינציקע אָרטיקע כלל־טוער ארויסגעוויזן איניציאַטיוו און איבערגעגבנקייט פאַר דער זאַך, און „יעקאָפּאָ" האָט באַשלאָסן צוצובויען צו דעם בנין אַ צווייטע העלפט און אין אַלגעמיינעם איבערגרופּירן די צימערן אַזוי, אַז ס'זאָל אַוועקגעשטעלט ווערן אַ פּאַסיגע געביידע פאַר דער פאָלקסשול אין דער צערוואינירטער פון דער מלחמה שטעטל.

אויף אַזאַ אופן האָט זיך באַקומען אַ ניט קיין שלעכטער, גרעסערער בנין פון

די ברייט און מיט 2 ארויסגאַנגען אויף דעם פּלאַץ אַרום דער שול.

די אַלגעמיינע קובאַטור פון בנין, חוץ דעם צאָקאָל, איז 54,56 קלאַפטער.

קאַרעליטש.

„יעקאָפּאָ" האָט געפירט איר הילפס־ און אויפבוי־טעטיקייט אין ווילנער און נאָוואָגרודקער ראַיאָנען און האָט אויך די פאָלקסהייזער געבויט אין די אַם מערסטן חרוב־געוואָרענע פון דער מלחמה





די פאָלקסהויז אין קאַרעליטש

פונקטן פון ביידע ראַיאָנען.

אויב אין ווילנער געגנט זיינען די פאָלקסהייזער אויסגעבויט געוואָרן אין אַזעלכע שטעטלעך ווי סמאָרגאָן, קרעווע און ווידז (און טיילווייז אין ווישנעוו), וועלכע זיינען דורך די מלחמה־געשעענישן אינגאַנצן אָפּגעמעקט געוואָרן פון דער ערד און שפּעטער אַדאַנק דער אויפבוי־אַקציע צוריק אויפגעריכט, זיינען אין נאָוואָרעדקער געגנט אויסגעבויט געוואָרן פאָלקסהייזער אין קאַרעליטש, ליובטש און האָראָדישטש, דהיינו אין די דריי גרעסערע, צום שטאַרקסטן חרוב־געוואָרענע פון דער מלחמה שטעטלעך פון יענער געגנט און אויך ווי אין ווילנער געגנט צוריק אויפגעריכטע אַדאַנק דער אויפבוי־אַקציע.

קאַרעליטש ליגט 22 קילאָמעטער מיטן פור צו מזרח פון נאָוואָגרודאָק, צווישן ברייטע פעלדער פון פעטער שוואַרצער ערד. אין שטעטל גופא זיינען נאָך שטאַרק קענטיק טיילן פון די געוועזענע פאַרפעסטיקונגען און טראַנשייען פון די מלחמה־פּאָזיציעס.

די שטעטל איז אַזוי ווי ווידז, אָבער ביי אַנדערע נאַטור־באַדינגונגען, אַ בתּוסער יידישער ישוב, וועלכער לעבט פון קרעמעריי און מלאכה, אָבער טיילווייז אויך פון גערטנעריי, ווירטשאַפטס־מינים און ערדאַרבעט. צו וועלכער כמעט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג ביים אָפּבויען זיך האָט געהאַט גרויס חשק און האָט איר אָבער געמוזט וואָס ווייטער אַלץ מער פאַרלאָזן צוליבן אומקערן זיך פון די בעלי־בתּים פון באָדן.

אַדאַנק דער איבערגעגעבענער אומדערמידלעכער ארבעט פון פאָרזיצער פון קאַרעליטשער קאָמיטעט ה' גרשון פליאַשבערג און פון נאָך איינציקע אָרטיקע טוער ווי דער לערער שלום כהן און אַנדערע האָט זיך איינגעגעבן אַ סך אויפצוטאָן בעזעלשאַפטלעך אין דער דאָזיקער צורואינירטער שטעטל און אויך די פאָלקסהויז איז דאָ אויסגעבויט געוואָרן פריער, ווי אין די איבעריקע צוויי פונקטן פון נאָוואָרעדקער ראַיאָן.

דער בנין פון פאָלקסהויז איז ספּעציעל צוגעפּאַסט פאַר אַ פאָלקסשול. דאָס איז אַ שיינע, גרויסע און פעסט־אויסגעבויטע הילצערנע איינגעאָרנדיקע געביידע אויף אַ שטיינערנעם צאָקאָל.

די לענג פון בנין איז 11,64 קלאַפטער, די ברייט 6 04 קלאַפטער און די הויך אויסערן צאָקאָל (דער צאָקאָל האַלט 0,33 קלאַפטער אין דורכשניט) 1,85 קלאַפטער. די הויך פון די צימערן אינעווייניק איז איז 5 אַרשין 2 ווערשאָק. די אַלגעמיינע קובאַטור פון בנין איז 152 קלאַפטער.

דער בנין באַשטייט פון 4 גרויסע קלאַס-צימערן, 1 ביבליאָטעק-צימער, 1 לערער-צימער, 1 גרויסער רעקרעאַציאָנס-זאַל און אַ פאָרהויז. ביים אַריינגאַנג אין בנין איז געמאַכט אַ צעמענטענער גאַניק.

דער בנין פאַרמאָגט 17 פענסטער, 10 טירן און 4 אויוונס.

דער דאַך איז געדעקט מיט צעמענטענע דאַכטעלקעס.

דער בנין איז געבויט אויף אַ קהלשן פּלאַץ (פון שול-הויף), וואָס די שטעטל האָט געגעבן, אין אַ געזונטן און טרוקענעם אָרט.

דעם ווערט פון בנין פאַר דער קולטורעל - געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג פון דער שטעטל און באַזונדערס אַלס היים פון די קינדער איז נים אָפּצושאַצן.

ספּעציעל דער רעקרעאַציאָנס-זאַל, וועלכער האָט ביז 150 זיץ-פּלעצער, קען אויסגענוצט ווערן אויף אַלע גויטיקע שטאָטישע פאַרזאַמלונגען, קהלשע אַסיפות, פאַרשטעלונגען, קולטורעלע אונטערנעמונגען וכדומה.

## ליובטש.

ליובטש ליגט 22 קילאָמעטער, מיטן פור, צו צפון פון נאָוואָגרודאָק. 6 קילאָמעטער די לענג אויפן וועג ליובטש-דעליאַטיטש זיינען נאָך שטאַרק קענטיק די רעשטן פון די מלחמה-פּאָזיציעס, וועלכע זיינען אויך געווען אין שטעטל גופא.

די שטעטל ליגט אויפן ניעמאַן און האָט אין שלום-צייטן געלעבט פון וואַסער (האָלץ און שטריק), איצט חוץ קרעמערײַ און מלאכה אויך פון האַנדל מיט פערד און קי, פלאַקס און זוימען.

אין יאָר 1925 האָט די יידישע באַפעלקערונג באַטראָפן איבער 1000 נפשות.

דער בנין האַלט $6^{\underline{66}}$ קלאַפטער די לענג אויף 6 קלאַפטער די ברייט, די הויך אינעווייניק $1^{\underline{66}}$ קלאַפטער, אין דרויסן $1^{\underline{85}}$ קלאַפטער. די אַלגעמיינע קובאַטור $66^{\underline{33}}$ קלאַפטער.

בסך-הכל פאַרמאָגט דער בנין 6 קלאַסן-



די פאָלקסהויז אין ליובטש.



די פאָלקסהויז אין האָראָדישטש.







צימערן און 1 גרויסן זאַל פאַר פאַרזאַמלונגען, אָוונטן, פאַרשטעלונגען וכדומה.

די שטעטל האָט אָפּגעשאַצט די באַדייטונג פון בנין, וואָס איז אַ היים פאַר די קינדער און פאַרזאַמלונגס-אָרט פאַר אַ געזעלשאַפטלעך-קולטורעלן לעבן.

## האָראָדישטש.

האָראָדישטש איז נעענטער צו באַראַנאָוויטש און ווייטער פון נאָוואָגרודאָק. די שטעטל ליגט 21 קילאָמעטער, מיטן פור, פון באַראַנאָוויטש און 36 קילאָמעטער, מיטן פור, צו דרום פון נאָוואָגרודאָק.

אויפן וועג האָראָדישטש-באַראַנאָוויטש זיינען גוט קענטיק די שפורן פון די מלחמה-פּאָזיציעס.

די שטעטל ליגט אויף אַ באַרג. האָט געהאַט אין יאָר 1925 איבער 1500 יידישע איינוואוינער, וועלכע לעבן פון קרעמערײַ, האַנדל און מלאכה. אַ באַזונדער האָראָדישטשער ספּעציאַליטעט איז שרייבן ספרי-תורות, מיט וואָס ס'פאַרנעמען זיך פון אַלטע צייטן איינציקע ראשי-המשפחות אָדער ווייערע זין.

באַזונדערס דאַרף דערמאָנט ווערן די אַרבעט פון אַ גרופּע דעמאָקראַטיש-געשטימטע אָרטיקע געזעלשאַפטלעכע טוער ווי ה. י. וואָלאָך, מ. ליס (ווי אויך דער לערער סאָלאָמאָן) און אַנדערע, וועלכע האָט אַ סך אויפגעטאָן פאַר דעם אויפבוי פון זייער שטעטל בכלל און בפרט פאַר דעם אויפשטעלן דורך „יעקאָפּאָ" דעם בנין פאַר דער פאָלקסשול.

דער בנין פאַרנעמט אינעווייניק $13^{\underline{85}}$ מעטער די לענג אויף $11^{\underline{80}}$ מעטער די ברייט און $3^{\underline{45}}$ מעטער די הויך. די אַלגעמיינע קובאַטור—$51^{\underline{22}}$ קלאַפטער.

דער בנין האָט 4 קלאַסן-צימערן און אַ קאָרידאָר. אין בנין זיינען פאַראַן 12 פענסטער און 3 אויוונס.

די באַדייטונג פון בנין פאַר דער פאָלקסשול, וועלכע האָט אין שטעטל איבערגעגעבענע פריינד, ווי בכלל פאַר דער געזעלשאַפטליך-קולטורעלער אַנטוויקלונג פון האָראָדישטש איז זייער גרויס.

### 5.

אין די אַנגערופענע שטעטלעך זיינען ביים פאַרענדיקן די בנינים פאַרגעקומען חנוכת-הבית אָדער פייערונגען, קלענערע צו גרעסערע, מער יום-טובדיקע צו באַשיידענערע, אָבער אַלע מיט גרויס התלהבות און אָנערקענונג.

באַזונדערס פייערליך זיינען אַריבער די חנוכת-הבית אין ווידז און אין קאָרעליטש. אין די שמחות, וועלכע האָבן געטראָגן אַ פאָלקס-כאַראַקטער, האָט זיך באַטייליגט די גאַנצע שטעטל. ס׳זיינען דורכגעפירט געוואָרן פאַראַנשטאַלטונגען און פאַרשטעלונגען און אַזאַ

אויפריכטיקע פרייד האָט ניט געהערשט אין די שטעטלעך זינט זייער אויפבויאונג פון די מלחמה-חורבות. פאַר די קינדער זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן באַזונדערע יום-טובים.

דער ווערט און די באַדייטונג פון די פאָלקסהייזער אלס בנינים פאַר יידישע פאָלקסשולן און בכלל פאַר דעם גאַנצן געזעלשאַפטליכן און קולטורעלן לעבן פון שטעטל איז אָפּגעשאַצט געוואָרן אין פולן מאָס.

ס'זיינען צוויפגעשטעלט געוואָרן אַקטן וועגן דער פאַרענדיקונג פון די בנינים און וועגן דעם איבערנעמען זיי דורך די אָרטיגע קהלות. אַ הארציקער דאַנק איז אויסגעדריקט געוואָרן פאַר די גרויסע און ממשותדיקע הילף דעם אַמעריקאַנער דזשוינט דיסטריבושן קאָמיטעט און אויך „יעקאָפּאָ“ פאַר איר דורכפירונג און פאַרווירקליכונג פון דעם וויכטיגן אויפטו.

שפּעטער זיינען ווידער אָנגעקומען, דאָס מאָל מאַטעריעל, שווערע און ביטערע צייטן און דער עקאָנאָמישער קריזיס האָט אין יאָר 1925 דערגרייכט קאַטאַסטראָפאַלע פאָרמען, וואָס ווייטער אַלץ גרעסערע. די באַפעלקערונג איז שרעקליך פאַראָרימט געוואָרן. די פאָלקסשולן זיינען פונדעסטוועגן פאַרבליבן אַלע עקסיסטירן און האָבן געפירט מיט איבערגעבנקייט און ליבע זייערע וויכטיקע התחייביתן.

די פאָלקסהייזער ערפילן אַלע ווייטער זייערע פונקציעס און פאַרבלייבן די קהלשע עדות פון דער גרויסער אויפבויארבעט, וואָס האָט אויפגעריכט די חרוב. געוואָרענע פון דער מלחמה שטעטלעך און וואָס איז אויך געזעלשאַפטליך דערפירט געוואָרן ביז אַ מעגליכן געווינשטן סוף.



# יתומים-פאַרזאָרגונג

א. קליאַנסקי און מ. יעווזעראָוו

די שווערע און שרעקלעכע וועלט-מלחמה, וואָס האָט חרוב געמאַכט לענדער און פעלקער, האָט לגמרי רואינירט אונזער געגנט און על כולם—די יידישע באַפעלקערונג.

אונזער געגענט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרויסן מלחמה-פּלאַץ, אויף וועלכן עס זיינען פאָרגעקומען גרויזאַמע שלאַכטן, שרעקלעכע פאַרוויסטונגען און צעשטערונגען פון אַלטגעזעסענע ישובים און ביזן גרונט איז צעשטערט און צושמעטערט געוואָרן דער מאַטעריעלער באַזיס פון דער באַפעלקערונג.

די מלחמה האָט נאָך אָנגעשיקט אויפן יידישן קבוץ פון אונזער קאַנט ספּעציעלע פורעניותן: פאַרשיידענע גרושים, קראַנקהייטן, גזירות און פאַרפאָלגונגען, רויבערייען, גזלות, פאָגראָמען און אַנדערע תוכחה-אָנשיקעניש, וואָס איז שווער אויסצורעכענען און אויסצוציילן.

די אַלע געשעהענישן און פּאַסירונגען אין אונזער געגנט האָבן זיך קאַטאַסטראָפאַל אָפּגערופן אויף די יידישע מאַסן.

דער האַנדל איז אָפּגעשטאָרבן. די מלאכה איז אונטערגעגאַנגען. דאָס רוב אונטערנעמונגען האָבן זיך ליקווידירט. די אַרבעטסלאָזיקייט איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. די צאָל געצוואונגענע ליידיק-גייער האָט זיך בהלהדיק פאַרמערט און קיינמאָל האָבן מיר ניט געהאַט אַזוי פיל יידן, וואָס האָבן ניט געהאַט פון וואַנען דעם טאָג איבערצולעבן און די מעגלעכקייט צו קריגן אַ טרוקן שטיקל ברויט פאַר זיך, ווייב און קינדער, ווי אין די יאָרן 20—1919.

איינער פון די באַפולמעכטיקע פון „יעקאָפּאָ“, וואָס האָט דעם גרויסן דלות אין די שטעטלעך אַליין געזעען מיט די אייגענע אויגן, גיט אַזאַ בילד פון יידישן לעבן אין יענער צייט:

„די יידישע באַפעלקערונג פון אָשמענע, וואָס באַשטייט פון 1250 משפחות הונגערט. אַ דריטל פון דער באַפעלקערונג עסט גראָז“ (אַן אויסצוג פון באַריכט פון 1-טן יולי, 1919-טן יאָר).

„הונדערטער פאַמיליעס זיצן אין נ—ק אָן ברויט. מען שפּייזט זיך מיט שאָלעכץ פון קאַרטאָפל, קלייען און אַנדערע אָפּפאַל.

דער בעטלען האָט זיך שרעקליך פאַרמערט און האָפּנונגסלאָז איז געוואָרן די לאַגע פון נאָך פּסח 1919. אלס אַ פועל-יוצא פון הונגער און אומריינקייט האָט זיך אין פרילינג אָנגעהויבן אַ מוראדיקע עפּידעמיע פון פלעק-טיפוס און פּאָקן פון דער באַפעלקערונג. כמעט אַלע אָרימע פאַמיליעס האָבן איבערגעקרענקט אָדער קריינקען אויף פאַרשיידענע מחלות. צוליב מאַנגל אין מעדיצינישער הילף, שלעכטע פלעגע און אָפּגעשוואַכטקייט—איז די שטערבלעכקייט אומגעהויער גרויס. עס קומען אויך פאָר 3—4 פאַלן אין דער וואָך, ווען מען שטאַרבט אויסשליסליך פון הונגער. עס האָט געטראָפן, אַז מענטשן זיינען גייענדיק אויפן פעלד און אין גאַס, געשטאָרבן פון הונגער, עס האָבן אויך געטראָפן פאַלן, ווען מענטשן, וועלכע האָבן אַ לייגגערע צייט געהונגערט, האָבן געפונען זייער טויט פון איבערעסן זיך“.

„אַ גרויסער טייל פון די קינדער אין שול-עלטער האָבן צוליב די שווערע לעבנס-באַדינגונגען גאָרניט געלערנט. זיי האָבן געמוזט דורך טאָג-אַרבעט העלפן די עלטערן שפּייזן זייערע פאַמיליעס“. (נאָוואָגרודאָק, באַריכט פון 13 יולי 1919).

עס דערציט זיך איצט ביי אונז אַ יונגער דור פון עם-הארצים און ליידיקגייער אָדער שנאָרער...

צוליב די קליינע געלט-מיטלען, וועלכער דער יידישער קאָמיטעט האָט אין זיין רשות, האָט ער ניט געקענט קלערן וועגן די אַלע אָרימע 800 קינדער, וועלכע געפינען זיך ביי אונז. (נאָוואָגרודאָק, באַריכט פון 26-טן אויגוסט 1919).

דער יידישער שפּיטאָל האָט 25 בעטלאַך פאַר אָנשטעקנדיקע קראַנקע אויף טיפוס, דעזינטעריע און פּאָקן. ער איז איבערפולט, ווייל פיל שווערע קראַנקע ווערן געבראַכט פון די אַרומיקע שטעטלעך: קאַרעליטש, ליובטש, דעליאַטיטש און ניישטאָט, וועלכע האָבן אין זייערע שטעטלאַך קיינע שום מעדיצינישע הילף ניט.

פיל אָנשטעקנדיקע קראַנקע ווערן ניט אָנגענומען צוליב מאַנגל אין פּלאַץ, אַזעלכע קראַנקע ליגן אָן מעדיצינישע הילף, אָן רפואות און אָן פלעגע.

„דער גרעסטער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג לעבט אין דחקות און הונגער. פיל משפחות, דער עיקר נשרפים, וועמעס הייזער עס זיינען פאַרברענט צוליב מלחמה-סבות, גייען נאַקעט און באָרוועס. ס'זיינען פאַרשפּרייט פאַרשיידענע קראַנקהייטן, הויפּטזעכלעך—טיפוס. פון דער קראַנקהייט שטאַרבן פיל מענטשן (סאָל, נאָוועמבער, 1919-טן יאָר).

אלס רעזולטאַט פון אַזאַ גרויסער שטערבלעכקייט וואַקסט די צאָל יתומים אַלץ גרעסער און גרעסער. שוין אָפּגערעדט פון די יתומים, וועמעס פאָטערס זיינען אומגעקומען אויף מלחמה אָדער פון פאַרשיידענע באַנדעס אין די אַלערליי פּאָליטיש-מיליטערישע איבערגאַנגען, וואָס האָט דורכגעמאַכט אונזער געגנט.

און אויב די מלחמה האָט אַלעמען אָנגעטירט, איז דער חורבן געווען אַ כפל-כפלימדיקער צווישן די קינדער בכלל און יתומים בפרט. דער יתום האָט, לויט זיין איינגאַרטיקן פיזישן און גייסטיקן בוי און לויט זיין געזעלשאַפטלעך-עקאָנאָמישן מצב, מער ווי אַלע געליטן פון דער מלחמה.

דורכגעלעבט די שרעקלעכסטע געשע-

ענישן. געפלאָגט אין הונגער און פּיין, פאַרמשפּט אויף עלנט און פאַרוואָרלאָזיקייט, האָבן די יתומים געליטן גייסטיק און פיזיש.

די אומנאָרמאַלע לעבנס-באַדינגונגען, די שווערע ליידן און זאָרגן האָבן צובראָכן דעם יתומס גוף און פאַרקריפּלט זיין נשמה.

„כמעט אַלע יתומים פון אונזער שטאָט און פון די דערבייאיקע ישובים — שרייבט דער הילפס-קאָמיטעט פון נ—ק, וואָס זיינען אונטערגעזוכט געוואָרן פון דאָקטאָר, האָבן אַ קלענערע וואָג אין פאַרגלייך מיט נאָרמאַלע קינדער אויף גאַנצע 20—25 פּראָצענט. דער ברוסט-היקף איז קלענער און אַ באַדייטנדיקער פּראָצענט יתומים זיינען קראַנק אויף פאַרשיידענע אינערלעכע קראַנקהייטן" (סעפּטעמבער, 1919).

„פיל יתומים וואַלגערן זיך ממש אויף די גאַסן, גייען אום פוסט און פּאַס, שנאָרענען, בעטלען און גייען אויס פשוט פון הונגער.

עס איז שווער פאָרצושטעלן זיך זייערע פּנימער. בלייכע, געלע, אויסגעצערטע, מיט אויסגעלאָשענע אויגן וואָרפן זיי אַרום זיך אַ שרעק", אָט אַזוי שילדערט דעם מצב פון די יתומים דער פאַרשטייער פון „יעקאָפּאָ", וואָס האָט באַזוכט א-נע אין אויגוסט, 1919-טן.

יענע צייט, דער יאָר 1919, האָט געהערט צו דער אַזוי גערופענער הונגער-תקופה, ווען שאָלעכץ פון קאַרטאָפל איז געווען אַ „אידעאַל", וואָס ניט יעדערער האָט זיך עס געקאָנט פאַרשטעלן, דאָס איז געווען אַ „יקר-המציאות" און ווער עס האָט דאָס געהאַט, האָט זיך גערעכנט צווישן די גליקלעכע. דאָס רוב האָט זיך די יידישע באַפעלקערונג, דער עיקר אין די קליין-שטעטלעך, געשפּייזט מיט אייגנאַרטיקע מאכלים, וועלכע עס איז ביי מער ווייניקער נאָרמאַלע באַדינגונגען, שווער צו באַנעמען מיטן שכל. דער פאַרשפּרייטסטער מאכל איז געווען שצאַוול (שצאַווי-גראָז) פאַרווייסט מיט „נישט", ווי מען פלעגט עס אָנרופן, ד. ה. מיט גאָרניט. ברויט איז געווען ניט בנמצא, אָבער לחלוטין ניט. עס איז ניט צו גלויבן, אָבער עס איז אַ פאַקט. ווייטער האָט מען זיך געשפּייזט מיט „ק ר אָ פּ י ו ע", „פּ י ר נ י ק" און אַנדערע צמחים.

„יעקאָפּאָ" האָט אין יענער צייט אַנטוויקלט אַ גרויסע טעטיקייט אויפן געביט פון קינדער-פאַרזאָרגונג. ראַטעווען די קינדערשע נפשות איז געוואָרן דער לאָזונג פון טאָג. די דערוואַקסענע וועלן זיך אַליין אַן עצה געבן — און דאַן האָט „יעקאָפּאָ" אַנטוויקלט אַ נעץ פון קינדער-קיכן אין אַלע שטעט און שטעטלעך פון אונזער געגנט.

די פראַגע פון קינדער-פאַרזאָרגונג האָט אָנגעהויבן טראָגן אַ מלוכה-כאַראַקטער. עס איז אַנטשטאַנען די באַוואוסטע געזעלשאַפט (ק. פּ. ד.) „קאָמיטעט פּאָמאָצי דעטיאַם", וועלכע האָט געפירט איר טעטיקייט אויף אַמעריקאַנער געלטער. אין דעם קאָמיטעט האָט „יעקאָפּאָ" געהאַט אירע פאָרשטייער און באַקומען אַ סובסידיע מיט פאַרשיידענע פּראָדוקטן פאַר די קינדער-קיכן.

דער פיזישער מצב פון די יידישע קינדער איז געווען, אָבער, אַזאַ, אַז עס האָט ניט געקלעקט דער ראַציאָן, וועלכער איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון ק. פּ. ד. און „יעקאָפּאָ" האָט כמעט מער פון העלפט דערלייגט פון אייגענע מיטלען.

פון גאַנצן קאָפּלעקט עלנדן קינדער-מאַטעריאַל, האָט זיך ביסלעכווייס אויסגעשיילט „דאָס עלנדסטע קינד" — דער יתום. זיין מאָגערער פּנימל און דאַרינקער גוף האָט זיך באַזונדערס אויסגעטיילט פון די רייען קינדער, וועלכע האָבן זיך געשפּייזט אין דער קינדער-קיך.

מיט דער נאָרמאַליזירונג פון עקאָנאָמישן לעבן האָבן פיל קינדער גענומען אָפּפאַלן, זייער צאָל איז געוואָרן קלענער. אַנדערש איז געווען מיט די יתומים. זייער צאָל איז קלענער ניט געוואָרן, זייער עלטערן האָבן פון קבר ניט געקאָנט אויפשטיין און זיי העלפן.

די פראַגע פון קינדער-פאַרזאָרגונג איז אַזוי אַרויס פון איר אייגן קרייז און געפאָדערט אַן ערלייזונג פון געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער. „יעקאָפּאָ", וועלכע האָט לכתחילה, אויף יעדער אַקציע, וועלכע איז דורכגעפירט געוואָרן, געקוקט מצד דעם געזעלשאַפטלעכן פאַרנעם פון דער עובדה, האָט אויך דאָ איינגעזען, אַז בנוגע דער י ת ו מ י ם-פ אַ ר ז אָ ר ג ו נ ג דאַרף אָנגעווענדעט ווערן אַן אַנדער מאָס און אַנדערע מיטלען. און אויב תיכף ומיד קען נאָך ניט געשאַפן ווערן עפּעס ממשותדיקס, וואָס זאָל ראַדיקאַל ענדערן די לאַגע פון יתום, דאַרף מען אָבער געפינען די וועגן און צילן, וועלכע זאָלן אויף שפּעטער אין גרונט אויסוואָרצלען די גאַנצע תמיכה-סיסטעם און לייזן די פראַגע אויף אַ פּראָדוקטיוון אופן: שאַפן פון זיי נוצלעכע מענטשן, וועלכע זאָלן זיך קענען מיט דער צייט אַליין פאַרזאָרגן.

כדי צו פאַרווירקלעכן דאָס אין לעבן, האָט מען געדאַרפט האָבן אַ פאָרשטעלונג פון צאָל און מצב פון די יתומים אין געגנט. צוליב דעם איז אונטערגענומען געוואָרן אַ גענויע אויספאָרשונג איבער דער גאַנצער פּראָווינץ.

פון דער אויספאָרשונג, וועלכע איז פאָרגעקומען סוף 1919 און האָט אַרומגענומען 53 שטעט און שטעטלעך פון געגנט, האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז עס געפינען זיך 1536 יתומים אין עלטער ביז 14 יאָר. פון זיי 739 יינגלעך און 797 מיידלעך. א ל ע מלחמה-יתומים, וועמענס עלטערן זיינען אומגעקומען אין דער מלחמה. דירעקט אָדער אומדירעקט.

דער מצב זייערער איז געווען אַ שוידערלעכער.

אַ גרויסער טייל פון זיי איז געווען איבערגעלאָזן ממש אויף הפקר. פיל קינדער נאַקעטע און באָרוועסע זיינען געגאַנגען איבער די הייזער. די גאַס מיט אירע שלעכטע השפּעות האָט קאַטאַסטראָפאַל געווירקט אויפן מאָראַליש-גייסטיקן מצב פון די פאַרלאָזענע קינדער.

די יתומים זיינען געווען פאַרמשפּט אויף פולשטענדיקן אונטערגאַנג און דעגענעראַציע. אויף דעם אופן האָט זיך „יעקאָפּאָ" פאַרטראַכט וועגן די יתומים און וועגן דער פּראָדוקטיוויזירונג זייערער נאָך דאַן. ווען די גאַנצע הילף איז באַשטאַנען בלויז אין איינפאַכער תמיכה אָן אַ סיסטעם און אָן אַ ממשותדיקן צוועק. די אויספאָרשונג איז אויך געווען בלי-ספק די ערשטע אין גאַנץ פּוילן, וועלכע האָט דורכגעפירט אַ גענויע סטאַטיסטיק פון מצב און צאָל פון די יתומים אין ווילנער און נאָוואָגרודקער געגנט.

פון ווערטער האָט מען געדאַרפט אַריבערגיין צו מעשים: עס האָט געדאַרפט געשאַפן ווערן עפּעס ממשותדיקס, וואָס זאָל אַריינטראָגן אַן איבערבראָך אין עצם פון דער ביז איצטיקער אַרבעט.

עס זיינען אָנגעמערקט געוואָרן פאַרשיידענע מיטלען, אויף וועלכע עס האָט זיך געפאָדערט גרויסע געלטער אום צו רעאַליזירן זיי אין לעבן. מיט דער צייט האָט געלונגען צו פאַראינטערעסירן דעם „דזשוינט" אין שטיצן די יתומים דורך אינטערנאַטן, וועלכע טראָגן הגם אָפיציעל דעם כאַראַקטער פון ווידער-אַמאָל אויפהאַלטן דעם פיזישן מצב פון די קינדער. אָבער וועלכע זיינען פאַקטיש אין משך פון דער צייט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַנשטאַלטן, וואָס האָבן דערצויגן די קינדער צו אַ רעאַל-ממשותדיקן לעבן.

אַזוי גייען מיר צו צו דער גרינדונג פון צענטראַלן אינטערנאַט פון „יעקאָפּאָ", וועלכער האָט סיסטעמאַטיש דורכגעפירט אין לעבן אַ טייל פון די אָנגעמערקטע צילן.

## דער צענטראַלער אינטערנאַט.

דעם 24-טן פעברואַל פון 1920-טן יאָר האָט דער פּלענום פון „יעקאָפּאָ"-

אויסהערנדיק דעם באַריכט פון ה' ס. שאַליט וועגן דעם מצב פון די יתומים אין אונזער געגנט און דעם רעפעראַט פון ד״ר ה. קאָוואַרסקי וועגן די פּרינציפּן פון קינדער־פאַרזאָרגונג בכלל און פון די יתומים בפרט, באַשלאָסן איבערצוגעבן דער עקזעקוטיווע די צוגרייטונג פון אַ בעהעריקן פּלאַן פון יתומים־פאַרזאָרגונג און אויפן דריגגלעכסטן אופן אים דורכצופירן אין לעבן.

צוליב דעם צוועק איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ קאָמיסיע פון 4 פּערזאָן (מ. שאַליט, ד״ר ה. קאָוואַרסקי, פּרל. ל. ר. לעווין און מ. יעווזעראָוו), וואָס האָט באַדאַרפט אויסאַרבעטן און צושטעלן דער עקזעקוטיווע דעם אַנטשפּרעכנדיקן פּלאַן.

און דעם 8־טן אַפּריל ד. י. האָט די עקזעקוטיווע בנוגע דער פראַגע אָנגענומען פאָלגנדיקע הויפּט־באַשלוסן: 1) עפענען אַן אינטערנאַט פאַר 70 יתומים, וואָס זאָל זיין גוט און מוסטערהאַפט אויפגעשטעלט אין אַ פּאַסנדן בנין מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן; 2) ביי דער אויפנאַם ווערט די בכורה אָפּגעגעבן די יתומים, וואָס האָבן גאָר ניט קיין קרובים אָדער זיי קענען זיי ניט אויסהאַלטן; 3) סיקענען אויך אָנגענומען ווערן קינדער מיט פאָטאָוס. פאַר די לעצטע ווערט געעפנט אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג ביים אינטערנאַט.

דער לעצטער באַשלוס איז ביי יענער צייט געווען זייער אַ וויכטיקער, חייל די איבנדערמאָנטע מחלה איז געווען זייער פאַרשפּרייט צווישן די פאַרוואָרלאָזטע קינדער.

די אָרגאַניזיר־אַרבעט פון יתומים־הויז, וואָס איז איבערגעגעבן געוואָרן דער פרעזעלים:ין ל. ר. לעווין, איז צוגעגאַנגען אַדאַנק איר איבערגעגבנקייט און דער בעהעריקער ענערגיע זייער גיך און שוין דעם 28־טן אַפּריל איז דער אינטערנאַט געווען געעפנט. אין הסכם מיטן באַשלוס פון דער עקזעקוטיווע האָט זיך דער אינטערנאַט געעפנט אין איינעם פון די שענסטע בנינים אין פייגעם פאַרשטאָטיקן ווינקל פון ווילנע אויף אַנטאָקאָל (לעטנע, 5). דער בנין איז באַשטאַנען פון 17 וואוין־צימערן, אויסער צוויי וואַנע־צימערן, אַ קיך און ביי־צימערן אויף פאַרשיידענע באַלעבאַטישע־הצטרכותן. דער צווייסטאָקיקער בנין האָט זיך געפונען אויף אַ בערגיקן אָרט, אַרומגערינגלט מיט סאָסנע־בוימער, פון וועלכן עס זיינען זיך פונאַנדערגעגאַנגען אין אַלע זייטן סטעזשן, וואָס האָבן געפירט אין אַ גרויסן סאָד און גאָרטן.

די פּאָקטישע עפענונג פון אינטערנאַט איז באַשטימט געוואָרן אויף פּסח, צו וועלכער צייט די שטעטלדיקע הילפס־קאָמיטעטן האָבן געבראַכט די אָנגענומענע 72 קינדער, וואָס זיינען געקומען פון 38 פּונקטן פון ווילנער פּראָווינץ.

צווישן זיי זיינען געווען 41 גאַנצע יתומים און די איבעריקע האַלבע.

לויטן עלטער זיינען די קינדער געווען פאַרטיילט אויפן פאָלגנדיקן אופן:

| צאָל קינדער | אין עלטער פון |
|---|---|
| 1 | 7 יאָר |
| 3 | 8 „ |
| 10 | 9 „ |
| 12 | 10 „ |
| 13 | 11 „ |
| 8 | 12 „ |
| 16 | 13 „ |
| 9 | 14 „ |
| 72 | 7—14 |

לויטן געשלעכט — 43 יינגלאַך און 29 מיידלאַך. דער געזונט־צושטאַנד איז געווען ניט קיין באַפרידיגנדער. 10 יתומים האָבן געליטן אויף פאַרשיידענע האַרץ־קראַנקהייטן, 21 אויף פאָוואָוס, 12 זיינען געווען זייער בלוט־אָרעם.

עס איז איבעריק דערביי צו באַטאָנען, אַז די קינדער זיינען גענומען געוואָרן פון אַ פאַרשיידנאַרטיקער סביבה.

ביי אַזעלכע באַדינגונגען האָט ניט געקענט זיין קיין רייד וועגן אַ באַשטימטן און איינהייטלעכן פּלאַן פון דער אינערלעכער אַרבעט.

קיין אויסוואַל פון די קינדער נאָך די יאָרן, מדרגה פון וויסן, געוואוינהייטן און סביבה האָט ניט געקענט זיין לויטן עצם מהות פון אַנשטאַלט, ווייל געבן עסן די הונגעריקע, אָנטאָן די נאַקעטע און באָרוועסע, היילן די קראַנקע און געבן אַלע קינדער אַ וואַרעמע היים — איז געווען און האָט געמוזט זיין דער איינציקער הויפּט־ציל ביי יענער צייט.

אַ שווערע אויפגאַבע איז אויסגעפאַלן אויף דער פאַרוואַלטערין ל. ר. לעווין: שטעלן אויף די פיס 72 קינדער.

קודם כל האָט מען איזאָלירט אין באַזונדערע צוויי צימערן די פאָוואָוס־קראַנקע און עס איז איינגעלאַדן געוואָרן אַ ספּעציעלער דאָקטאָר צו היילן זיי. גלייכצייטיק האָט מען איינגעלאַדן נאָך אַ דאָקטאָר, וואָס האָט באַזוכט אַלע קינדער 3 מאָל אַ וואָך (ד״ר צימבלער און נאָך זיין אַוועקגיין ד״ר לעווין) און אַ פעלדשערין, וואָס האָט זיך שטענדיק געפונען אין אינטערנאַט, און אונטער וועמענס אויפזיכט עס האָט זיך געפונען די אינטערנאַט־אַמבולאַטאָריע און אַן אַפּטייקל.

דער מעדיצינישער פּערסאָנאַל האָט זיך ניט באַגרענעצט נאָר מיטן היילן, און האָט זיך אַלזייטיק און סיסטעמאַטיש פאַרנומען מיט אויספאָרשן דעם געזונט־צושטאַנד פון די קינדער.

אויפן סמך פון די אויספאָרשונגען האָט זיך איינגעשטעלט אַ ראַציאָן, אַ באַזונדערער פאַר די געזונטע און אַ ספּעציעלער פאַר די קראַנקע און שוואַכע. מצד פון קאָמיטעט „יעקאָפּאַ“ זיינען ניט געקאַרגט געוואָרן קיין געלט־מיטלען אויף דערנערונג און מעדיצינישע הילף.

אַזוי, למשל, פלעגן די שוואַכע קינדער באַקומען, אויסער דעם געוויינלעכן ראַציאָן, צו 250 גראַם (אַ גלאָז) מילך אַ טאָג 3 מאָל אין וואָך אַ פאַרגרעסערטע פּאָרציע פלייש, 2 פונט חלה אַוואָך, פרוכט, גרינס און אַנדערע דערנערונגס־מיטלען.

וואָס איז שייך בילדונג, איז אין דער תקופה אויף דעם געביט ניט געפירט געוואָרן קיין סיסטעמאַטישע אַרבעט. די דערציער, האָבן, אמת, אונטעריכט איינציקע למודים, אָבער דאָס לערנען איז געווען אַן אָנגב־אורחאדיקס און מען האָט זיך ניט געהאַלטן ביי אַ באַשטימטן פּלאַן און סדר. דער טראָפּ איז געווען געשטעלט הויפּטזאַכלעך אויף די דערציערישע זייט, די קאַטאַסטראָפאַלע געשעענישן און די פאַרבונדענע מיט זיי אַלערליי שווערע איבערלעבונגען האָבן אָפּגעשוואַכט און ממש צובראָכן די קינדער סיי פיזיש, סיי גייסטיק.

אין יענער צייט, אין די ערשטע חדשים פון זייער אויפהאַלטן זיך אין אינטערנאַט, האָט ניט געקענט זיין קיין שום רייד וועגן אַ וועלכער עס איז סיסטעמאַטישער בילדונג.

קרעפטיקן זייער אויסגעחלשטן און אויסגעצערטן גוף און גייסטיק זיי אויפהייבן איז געווען די דרינגנדיקסטע און נייטיקסטע אויפגאַבע פון דעם מאָמענט.

אגב איז דער מאָמענט אויסגעפאַלן אין די זומער־חדשים, זייער אַ פּאַסיקע צייט אויף צו פאַרשטאַרקן די קינדער פיזיש און ווען עס קומען במילא ניט פאָר קיין נאָרמאַלע למודים. פאַר דעם זומער האָבן זיך די קינדער טאַקע גוט דערהיילט. אויך אין דערציערישן פרט איז זייער פיל דערגרייכט געוואָרן; די קינדער האָבן באַקומען אַ

נאָרמאַלן גייסטיק-מאָראַלישן פּרצוף.

אַזוי אַרום איז צום סוף זומער פון 1920-טן יאָר צייטיק געוואָרן דער געדאַנק צו באַזאָרגן די קינדער מיט שול-בילדונג.

עפענען אַ ספּעציעלע פאָלקסשול איז געווען אוממעגליך צוליב מאַטעריעלע טעמים און צוליב אַ ריי אַנדערע סיבות. און דעריבער איז באַשלאָסן געוואָרן אָפּצוגעבן אַלע קינדער פון שול-עלטער אין אַנטאָקאָלער פאָלקסשול, וואָס איז געווען די איינציקע אין יענעם ראַיאָן. דער אָפּהאַלט און שטער איז אָבער געווען דער שרעקלעכער מצב פון שול-בנין: די פענסטער, ראַמען, שויבן און טירן זיינען געווען אויסגעבראָכן, מיט איין וואָרט דער בנין איז געווען אַן אמתע חורבה.

און זאָל דאָ, אַגב אורחא, פאַרצייכנט ווערן, אַז ניט איין צענדליק שויבן איז אויסגעזעצט געוואָרן דורך די פלינקע הענט פון די שכנישע קריסטלעכע קינדער, ווען די יידישע פאָלקסשול האָט פאַרשאַפט אַ שלעכטן געמיט און „שטימונג“.

דער געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ“ האָט רעמאָנטירט דעם בנין און נאָכדעם ווי עס זיינען געשאַפן געוואָרן די אויסערלעכע באַדינגונגען פאַר אַ נאָרמאַלער שול-אַרבעט, זיינען אַהין אָפּגעגעבן געוואָרן די אינטערנאַט-קינדער.

כדי צו פאַרבינדן דעם אינטערנאַט מיט דער שול, פלעגן פעריאָדיש פאָרקומען געמיינזאַמע זיצונגען און באַראַטונגען פון פּעדאַגאָגישן ראַט פון שול מיט די מיטאַרבעטער פון אינטערנאַט. (אַלע מיטאַרבעטער פון אינטערנאַט אויסער, פאַרשטייט זיך, דעם טעכנישן פּערסאָנאַל האָבן פאַרמאָגט אַ געהעריקע פּעדאַגאָגישע אויסבילדונג). אויף די באַראַטונגען פלעגן אויך בייזיין פאַרשטייער פון קאָמיטעט „יעקאָפּאָ“. איינציקע פון זיי פלעגן פון צייט צו צייט באַזוכן די שול און בייזיין אויף די למודים. עטלעכע אַזעלכע באַזוכונגען זיינען דורכגעפירט געוואָרן דורך די ה״ה ד. קאַפּלאַן-קאַפּלאַנסקי און א. קליאַנסקי.

די אינטערנאַט-לערער פלעגן השגחה געבן אויף די צוגרייטונג פון די אַרויסגעגעבענע אויפגאַבן אין דערהיים שול-לעקציעס און האָבן אָנגעפירט מיט זייער אויסער-שול-בילדונג און אַנטוויקלונג.

צו יענער צייט האָט זיך ביים אינטערנאַט געעפנט אַ ביבליאָטעק, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ גרויסע צאָל ביכער פון דער יידישער און העבראַאישער קינדער-ליטעראַטור. מיט דער ביבליאָטעק האָט אָנגעפירט אַ לערערין.



אין די פרייטאָגדיקע און שבתדיקע אָוונטן פלעגן פאָרקומען פאָרלעזונגען, פאַרוויילונגען און קינדער-קאָנצערטן (ביים אינטערנאַט איז געווען אַ ראַיאַל און אַ פאַרוויילונגס זאַל).

אויף אַ געהעריקער הויך איז געווען אַוועקגעשטעלט אַדאַנק דעם פאַרוואַלטער ה׳ מ. סאָלאָווײ די פיזישע אַנטוויקלונג.

מען האָט זיך, אָבער, ניט באַנוגנט נאָר מיט „מדרש“ אַליין און מען האָט בעזאָרגט ניט אין אַ קלענערער מאָס אויך וועגן „מעשה“.

בהדרגה האָט מען איינגעפירט אין יתומים-הויז דעם אַרבעטסמעטאָד און אַרויסגערופן דורך פאַרשיידענע מיטלען די זעלבסטעטיקייט פון די קינדער.

דערביי דאַרף באַמערקט ווערן, אַז די אָנווענדונג פון אַרבעטספּרינציפּ אין אינטערנאַט איז געווען ממש אַ נויטווענדיקייט.

ביים גרעסטן רוב קינדער, ניט געקוקט, וואָס זיי האָבן געשטאַמט פון די אָרימסטע שיכטן פון דער קליינשטעטלדיקער באַפעלקערונג, איז געווען אַן איינגעוואָרצלטע פאַראַכטונג צו האָרעוואַניע און אַ בטול צו אַרבעט, וואָס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן אויפן סמך פון אַ דורכגעפירטער אַנקעטע און וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן גאַנץ בולט אין דער ערשטער צייט פון זייער פאַרברענגען אין אינטערנאַט.

דערציען אין די קינדער אַרבעטספעאיקייט און אַרבעטסלוסט איז געווען אַ מוז, וואָס איז אַרויסגעדרונגען פון זייער אַרט לעבן ביזן אָנקומען אין אינטערנאַט און אויך פון דעם שטייגער לעבן, צו וועלכן מען האָט זיי באַדאַרפט צוגרייטן.

און דעריבער זיינען אַלע געביטן פון אינטערנאַט-לעבן איבעראָרגאַניזירט געוואָרן אין דער ריכטונג פון אַליינאַרבעט און זעלבסטפאַרוואַלטונג.

שטוביקע אַרבעט. $6\frac{1}{2}$ פרי פלעגן די קינדער אויפשטיין, אַליין פאַרבעטן די געלעגערס, אויסקערן, צוקלייבן די צימערן, אָנרייבן די פּאָדלאָגעס, דערלאַנגען און צונעמען פון טיש, וואַשן די געשיר און אויפראַמען דעם עסצימער.

דערנערונגס-קאָמיסיע. האָט פאַרוואַלטעט מיט דעם עסנוואַרג-שפּייכלער, אַרויסגעגעבן אין קיך פּראָדוקטן צום קאָכן, מעל דעם בעקער (ביים אינטערנאַט איז געווען אַן אייגענע בעקעריי), געבראַכט פון דעם שטאָטיקן „יעקאָפּאָ“-לאַגער די געהעריקע פּראָדוקטן, געמאַכט מיט דער מיטהילף פון



די דערציער אַלערליי איינקויפונגען אין שטאָט א. א. וו.

די קינדער האָבן לויט אַ פעסטגעשטעלטער ריי אויך געאַרבעט אין קיך און געטאָן אַלע שוואַרצע אַרבעט, ווי וואַשן געשיר, רייניקן קאַרטאָפל און גלייכצייטיק זיך געלערנט קאָכן.

ווירטשאַפטס-קאָמיסיע. האָט פאַרוואַלטעט מיטן וועש-לאַגער, וועשעריי, געשיר-אַלמער, קיך-מכשירים. אין רשות פון דער קאָמיסיע האָט זיך אויך געפונען דער האָלץ-לאַגער. פון צייט צו צייט פלעגן די קינדער אַליין צוזעגן די האָלץ און אַריינטראָגן אין אינטערנאַט.

סאַניטאַר-היגיענישע קאָמיסיע. די קאָמיסיע האָט געזאָרגט און אויפגעקוקט אויף די ריינלעכקייט פון אינטערנאַט.

די קינדער האָבן זיך געמוזט וואַשן אַלע אינדערפרי ביז העלפט אין קאַלטן וואַסער, און פאַרן שלאָפן—די פיס. יעדער קינד האָט געהאַט אין וואַנט-צימער זיין אייגן שטיקל זייף, זיין צאָנבערשטל, אַ באַזונדערן האַנטוך.

באַזאָרגן יעדן איינציקן מיט דעם אַלץ און אַכטונג געבן, אַז די קינדער זאָלן ווי געהעריק דערפילן די סאַניטאַר-היגיענישע פאַרשריפטן — איז געווען די פליכט פון דער אויבנדערמאָנטער קאָמיסיע.

גאָרטן- און סאַד-קאָמיסיע. ביים אינטערנאַט איז געווען אַ גרויסער גאָרטן און אַ סאָד. אונטער דער אָנפירונג פון אַ לערער פלעגן די קינדער אַרבעטן אין גאָרטן. די פאַרטיילונג פון דער אַרבעט און די פאַרוואַלטעריי האָט געהערט דער קאָמיסיע.

די קאָמיסיע פלעגט באַטראַכטן און צוזאַמען מיט די לערער באַשליסן וואָס און אין וועלכער מאָס צו פאַרזייען, פלעגט אויף יעדן אַרבעטסטאָג באַשטימען לויט דער ריי אַ געוויסע צאָל קינדער אויף צו יעטן, באַגיסן די די בייטן, אַראָפּנעמען פון גאָרטן, אָפּוועגן, אָפּמעסטן און אַריינברענגען די אַראָפּגענומענע פּראָדוקטן און אויסאַרבעטן אַ פּלאַן פון פאַרוועגדונג.

די גאַנצע גערעטעניש פלעגט פאַרשריבן ווערן אין אַ ספּעציעלן אַריינגאַנג-און אַרויסגאַנג-בוך.

ביבליאָטעק-קאָמיסיע. האָט פאַרוואַלטעט מיט דער ביבליאָטעק און לייענזאַל. די קאָמיסיע האָט אָנגעפירט מיט דער ביבליאָטעק לויטן מוסטער פון ביבליאָטעק פאַר דערוואַקסענע: עס איז געווען איינגעפירט אַן אינווענטאַר-

בוך. אן אבאנענסן-בוך, אבאנענטן-קאַרטעס וכדומה.

בראש פון די פאַרשיידנאַרטיקע קאָמיסיעס איז געשטאַנען אן אויסגעוויילטע פאַרוואַלטונג, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער פילפאַך-פאַרצווייגטער אַרבעט.

מצד דעם קאָמיטעט פון „יעקאָפּאַ" איז אויסגעטיילט געוואָרן אַ ספּעציעלע קאָמיסיע ביים אינטערנאַט פון די ה"ה הרב ש. פריד, א. רודניצקי און א. קליאַנסקי, וועלכע איז געשטאַנען אין אַ דירעקטן קאָנטאַקט מיט דער פאַרוואַלטונג פון אינטערנאַט.

די פאַרוואַלטונג האָט שטענדיק אָפּגעהאַלטן אירע זיצונגען אין דער אָנוועזנהייט פון די דערציער, וואָס האָבן געהאַט באַראַטונגס-רעכט.

אַדאַנק די פריינדלעכע און חברישע באַציאונגען, וואָס האָבן זיך איינגעשטעלט צווישן די לערער מיט די קינדער, זיינען קיינמאָל ניט פאָרגעקומען די קלענסטע רייבונגען צווישן דער פאַרוואַלטונג און פּעדאַגאָגישן ראַט.

די פאַרוואַלטונגס-מיטגלידער האָבן זיך שטענדיק באַצויגן מיטן גרעסטן צוטרוי און ניט געצוואונגענעם דרך-ארץ צו די מיינונגס-פאַרשיידנהייטן פון די לערער, אויב אַזעלכע פלעגן אַרויסגעזאָגט ווערן.

און טאַקע אַדאַנק דעם אַרבעטסמעטאָד און דער אַליינטעטיקייט, וואָס איז סיסטעמאַטיש דורכגעפירט געוואָרן דורך אַלע כאָזעטן פון דעם טאָג-טעגלעכן אינטערנאַט-לעבן, זיינען די קינדער פּסיכאָלאָגיש צוגעגרייט געוואָרן צו דער ביי'ער תקופה, ווען דער בית-יתומים האָט אינגאַנצן אויפגעהערט צו זיין אַ מיטל און איז געוואָרן אַ ציל.

אויפן סדר-היום פון געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאַ" האָט זיך מיט דער גאַנצער האַרבקייט אַוועקגעשטעלט די פראַגע פון צוגרייטן די קינדער צו אַ זעלבסטשטענדיקן לעבן אין דער צוקונפט, פון באַזאָרגן די קינדער פון 12 ביז 14 יאָר מיט אַ פאַך אין האַנט.

און די שאלה איז פאַרענטפערט געוואָרן. דעם 15-טן יאַנוואַר 1921-טן יאָר האָט זיך ביים אינטערנאַט געעפנט אונטער דער אָנפירונג פון ה' א. קראָל אַ שוסטעריי-וואַרשטאַט, וואָס איז באַשטאַנען פון 4 טישן, צו 4 קינדער אויף אַ וואַרשטאַט.

אין שוסטעריי-וואַרשטאַט האָבן זיך געלערנט 17 יינגלעך. דאָס לערנען פלעגט פאָרקומען 5 טעג אין וואָך, פון 4 ביז 7, נאָך אַ צווייי-שעהדיקער הפסקה פון די למודים אין פאָלקס-שול, וואָס איז געווען באַזוכט פון אַלע קינדער.

כדי דורכצופירן אַן איינהייטלעכע ערציאונגס-סיסטעם האָט דער פאַרוואַלטער פון שוסטעריי-וואַרשטאַט געאַרבעט אין פולסטן קאָנטאַקט מיט די פּעדאַגאָגישע ראַטן פון אינטערנאַט און פאָלקס-שול.

דער זעלבסטפאַרוואַלטונגס-פּרינציפּ פון די קינדער, וואָס איז געווען איינגעפירט אין אינטערנאַט, איז אויך געווען שטרענג אָפּגעהיט אין וואַרשטאַט.

די זעלבסטפאַרוואַלטונג פון שוסטעריי-וואַרשטאַט איז באַשטאַנען פון צוויי קאָמיסיעס: אַ קאָמיסיע צו פאַרוואַלטן מיט די רוי-שטאָף און אויסגעאַרבעטע מאַטעריאַלן און אַ צווייטע—אויפצופּאַסן אויף די מכשירים.

אַדאַנק דער פאַכקענשאַפט און איבערגעגעבנקייט פון פאַרוואַלטער ה' א. קראָל האָבן די קינדער געהאַט אַ גרויסע פּעולה, וואָס איז זיינער צייט געווען ניט איינמאָל באַשטעטיקט פון אַ ריי פאַכקענער.

נאָך עטלעכע חדשים אַרבעט האָבן די קינדער שוין באַוויזן צו פאַרריכטן די אייגענע שיך.

אין די לעצטע לערן-חדשים זיינען זיי געוואָרן די איינאיינציקע באַשוכער פון די אינטערנאַט-קינדער.

דער שוסטעריי-וואַרשטאַט האָט עקסיסטירט 14 חדשים: דעם 1-טן אַפּריל 1922 האָט ער זיך געשלאָסן.

ביי שוסטעריי זיינען פאַרבליבן אַלע יינגלעך: 6 אַרבעטן ביי ווילנער האַנטווערקער און די איבעריקע אַלס זעלבסטשטענדיקע בעלי-מלאכות אין ווילנער פּראָווינץ, און אַלע פאַרדינען אויף חיונה. דערביי מוז פאַרצייכנט ווערן, אַז די דערציאונג און אַנטוויקלונג, וואָס די יונגטלעכע אַרבעטער האָבן באַקומען אין אינטערנאַט און פאָלקסשול, איז ניט געבאַנגען לאיבוד און איז זיי שפּעטער שטאַרק צוניץ געקומען אין זייער אייגענעם לעבן, וואָס איז באַשיינט געוואָרן מיט אַ קולטורעלן אינהאַלט.

די טעטיקייט פון קאָמיטעט „יעקאָפּאַ" אויפן געביט פון פּראָפעסיאָנעלער בילדונג צווישן די אינטערנאַט-קינדער האָט זיך ניט באַגרעניצט מיטן שוסטעריי-וואַרשטאַט אליין.

אויסער די אויבנדערמאָנטע קינדער, האָט דער קאָמיטעט „יעקאָפּאַ" אָפּגעגעבן 6 קינדער אין די שול-וואַרשטאַטן פון „הילף דורך אַרבעט" אין ווילנע: 3 יינגלעך (1—אין דער אָפּטיילונג פון שילדן-מאַלעריי און 2—אין שניידעראָפּטיילונג) און 3 מיידלעך (2—וועשניטעריי און 1—שניידעריי).

אויף אַזאַ אופן זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן די פּוליעריקע קינדער, וועלכע האָבן זיך געפונען אין אינטערנאַט ביז זיין פאַרמאַכט ווערן.

נאָכדעם ווי די אַלגעמיינע לאַגע האָט זיך געענדערט און „יעקאָפּאַ" האָט געפונען פאַר צייטיק צו שליסן דעם צענטראַלן אינטערנאַט, דעם 1-טן מאַי 1922 יאָר, זיינען די איבעריקע קינדער פון אינטערנאַט פאַרבליבן אונטער דער השגחה פון „יעקאָפּאַ", ביז זיי זיינען אינגאַנצן באַזאָרגט געוואָרן:

11 מינדיעריקע יתומים זיינען אריבערגעפירט געוואָרן אין די קינדער-אינטערנאַטן אין איוויע, נאָוואָגרודאָק, אָשמענע און „אחיעזר"—ווילנע; 3 זיינען אָפּגעפאָרן קיין אַמעריקע; 4 זיינען אָפּגענומען געוואָרן דורך קרובים, וועמענס מאַטעריעלער מצב עס האָט זיך פאַרבעסערט; 12 זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן אין די שטעטלעך ביי זייערע קרובים און ווערן געשטיצט דורך „יעקאָפּאַ"; 8 זיינען איינגעאָרדנט ביי אַ פאַך אין ווילנע, און 11 ביי פאַרשיידענע פאַכן אין די שטעטלעך. ווען מיר וועלן צוגעבן דערביי די 23 קינדער, וועלכע האָבן זיך געלערנט אַ פאַך פריער, וועט זיך באַקומען אַ קלאָרער בילד פון די 72 קינדער, וואָס זיינען געווען אין אינטערנאַט.

ווי עס צו זען, זיינען פון די 72 קינדער איינגעאָרדנט געוואָרן ביי פאַכן 40 קינדער, ד. ה. 55 % פון אַלע קינדער.

פון זיי האָבן 21 געענדיקט דעם טערמין און זיינען שוין זעלבסטשטענדיק, 19 קינדער לערנען זיך נאָך און אינגיכן וועלן אויך זיי קענען נעמען פאַרדינען.

אַזוי אַרום זיינען 40 קינדער געווען אָפּגעראַטעוועט פון אַן אומניצלעכן לעבן און זיינען אויסגעהאָדעוועט און דערצויגן געוואָרן פאַר פּראָדוקטיווע און זעלבסטשטענדיקע מענטשן.

מיט דער גאַנצער אָביעקטיווקייט קען פאַרצייכנט ווערן, אַז די אויפגאַבן, וואָס דער קאָמיטעט „יעקאָפּאַ" האָט זיך געשטעלט ביים גרינדן דעם אינטערנאַט, זיינען דערגרייכט געוואָרן בשלימות.

פאַר די דערגרייכטע רעזולטאַטן האָט מען דער עיקר צו פאַרדאַנקען פּרל. ל. לעווין, מ. סאָלאָוויי, י. א. אַראָנאָוויטש, וועלכע האָבן אין פאַרשיידענע צייטן פאַרוואַלטעט מיטן אינטערנאַט, און די דערציערינס פּרל. כאַווזער, ס. גאַסקאַ, ב. גורוויטש, ב. לעווינסאָן, וואָס האָבן ניט געקאַרגט קיין כוחות און צייט און האָבן מיט דער גרעסטער איבערגעבנקייט געאַרבעט לטובת דעם אַנשטאַלט.

## אינטערנאַטן אין דער פּראָווינץ.

פּאַראַלעל מיט דער אַרבעט אויפן געביט פון יתומים-פאַרזאָרגונג, וועלכע איז געפירט געוואָרן אין ווילנע דורך דעם צענטראַלן אינטערנאַט פון „יעקאָפּאָ“, איז אויך אַנטשטאַנען אַ פאַרצווייגטע אַרבעט אין די אינטערנאַטן, וועלכע האָבן עקסיסטירט אויף דער פּראָווינץ.

אַזוינע אינטערנאַטן זיינען געווען און עקסיסטירן אַלע ביז היינט — 4: אין נאָוואָגרודאָק, לידע, איוויע און אָשמענע.

די אינטערנאַטן אין נאָוואָגרודאָק און לידע זיינען געשאַפן געוואָרן לכתחילה דורך די אָרטיקע געזעלשאַפטלעכע טוער אונטערן דרוק פון שרעקלעכן עלנט און נויט פון די יתומים. די אינטערנאַטן אין איוויע און אָשמענע זיינען געגרינדעט געוואָרן לויט דער איניציאַטיוו פון „יעקאָפּאָ“ און מיט איר דירעקטער מיטהילף.

יעדער אינטערנאַט האָט זיך זיין קאַפּיטל צרות, ליידן און איבערלעבענישן. אָבער צוגלייך דערמיט זיינען פאַרהאַן צו פאַרנאָטירן באַפרידיגנדע מאָמענט פון אויפטו און ערפאָלג און דערהויפּט דעם באַוואוסטזיין, אַז יונגינקע פאַרלאָזענע נפשהלעך האָבן אַ שוץ און אַ וואַרימע היים. ניט אומזיסט האָבן די אינטערנאַטן די גרעסטע אָנערקענונג מצד דער אָרטיקער געזעלשאַפט.

„יעקאָפּאָ“ האָט אָפּגעגעבן די אינטערנאַטן פיל אויפמערקזאַמקייט און האָט זיי געשטיצט, הגם אויף דעם האָט דער געגנט-קאָמיטעט די ערשטע צייטן קיין ספּעציעלע געלטער ניט באַקומען. שפּעטער, ווען די אַקציע אויפן געביט פון יתומים-פאַרזאָרגונג האָט זיך שטאַרק אַנטוויקלט דאַנק דער גרויסער הילף פון ד. ד. ק., זיינען אויך פאַר די אינטערנאַטן אָנגעקומען מאַטעריעל-בעסערע צייטן און „יעקאָפּאָ“ האָט די אינטערנאַטן באַזאָרגט ניט נאָר ווי ווייט מעגלעך לויט די דירעקטע צילן, ווי עסן, דירה און הלבשה, נאָר האָט זיך אויך באַמיט צו פאַרבעסערן די איינריכטונגען אין די בנינים, אַסיגנירנדיק סומען אויף צו דערבויען חדרים, רעמאָנטן, אויסשטאַטונג און שאַפן דערמיט אַ באַקוועמערע, האַרציקערע היים פאַר די קינדער.

### א. נאָוואָגרודאָק.

דער עלטסטער אינטערנאַט אין געגנט. אַרויסגערופן דורך דער שווערער דייטשער אָקופּאַציע, איז ער געגרינדעט געוואָרן אין אָקטאָבער 1917 דורך אַ גרופּע יוגנט (מיטראָפּאָליטאַנסקי, וואָלפקינד, צאַסאָוושסשיק, אייזיקאָוויטש, איזראַעליט, שלום און דוד כהן). פאַר די 8 יאָר, וואָס דער אינטערנאַט עקסיסטירט, האָט ער דורכגעמאַכט אַ סך גלגולים, געהאַט ירידות און עליות. שטענדיק, אָבער, געווען באַגלייט מיט דער זאָרגפעליקייט פון דער אָנפירנדער פאַרוואַלטונג.

אָנגעהויבן האָט ער זיין טעטיקייט ביי 10 קינדער. ביסלעכווייז האָט ער זיך אַנטוויקלט און פאַרגרעסערט הן די צאָל קינדער והן די צאָל צימערן, אַזוי, אַז צו יולי 1919 האָט שוין די צאָל קינדער דערגרייכט ביז 31 און דער אינטערנאַט האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַן איינגעאָרדנטן בנין פון 8 חדרים, פון וועלכע 2 זיינען באַשטימט געוואָרן אויף עס-צימערן, 3 שלאָף-צימערן, 1 שפּיל-צימער 1 קיך און 1 קאַנצעליאַריע.

אין דעם משך צייט פון אָקטאָבער 1917 ביז יולי 1919 איז דער אינטערנאַט אויסגעהאַלטן געוואָרן אויף אייגענע מיטלען: פאַרשיידענע נדבות, מיטגלידס-אָפּצאָל, ספּעקטאַקלען און אַנדערע פאַרווילונגען, — אָן קיין שום זיכערקייט אין עקסיסטענץ.

אין יולי 1919 איז די נאָוואָגרודקער געגנט אַריינגעצויגן געוואָרן אין טעטיקייטס-געביט פון „יעקאָפּאָ“ און עס איז אַסיגנירט געוואָרן די ערשטע גרעסערע געלט-סומע פאַר דעם אינטערנאַט.

מיט דעם האָט זיך, אייגנטלעך, אָנגעהויבן אַ נייע עפּאָכע אין דער אַרבעט פון אינטערנאַט, וועלכער האָט אָנשטאָט צופעליקע הכנסות אָנגעהויבן צו באַקומען אַ שטענדיקע און שטאַנדהאַפטיקע



אינטערנאַט אין נאָוואָגרודאָק (אויסערליכער אויסזען ווינטער-צייט).

מיטהילף. עס איז, דעריבער, קיין חידוש ניט, אַז דאָס האָט צוגעגעבן מוט און דער רעזולטאַט איז געווען, אַז דער אינטערנאַט האָט זיך פאַרגרעסערט ביז 54 קינדער.

מיר ברענגען דאָ אַן אויסצוג פון פּראָטאָקאָל פון אווגוסט 1919: „דער קינדערהיים, וועלכער האָט אויפגעהאַלטן 31 יתומים, האָט געעפנט אַן אָפּטיילונג און צוגענומען נייע 23 יתומים. ביטעס זיינען דערהאַלטן געוואָרן פון 83 קינדער, אַלע שרעקלעך אָרימע. אָבער אויך די נייע 23 קינדער זיינען צוגענומען געוואָרן, סומך זייענדיק זיך אויף די הבטחות פון „יעקאָפּאָ“.

די אַרבעט האָט זיך וואָס פון טאָג אַלץ מער אַנטוויקלט. די קינדער האָבן באַקומען בעסער עסן, האָבן גענומען ניט נאָר „פאַרזוכן“ פלייש, ווי עס איז ביז דאַן געווען, צוליב געלט-מאַנגל, נאָר דאָס באַקומען פלייש-שפּייז איז געוואָרן אַ שטענדיקע זאַך פון 3 מאָל אַ וואָך. פון אַ פערטל פונט ברויט אַ טאָג איז מען אַריבער צו „זאַט“-ברויט: די קינדער האָבן געגעסן צוזאַט. דער ברויט-אַלמער איז געעפנט געוואָרן. מען דאַרף ווידעראַמאָל געדענקען, אַז דאָס איז געווען אין דער הונגער-צייט, ווי מיר האָבן געשילדערט פריער. און אַז די מראה האָט זיך פאַרבעסערט און דער הונגער איז געלינדערט געוואָרן, האָט מען זיך אָפּגעגעבן מער מיט „רוחניות“.

די דערוואַקסענע יתומים זיינען אָפּגעגעבן געוואָרן אין פאָלקס-שול. די עלטערע — צו בעלי-מלאכות. כוח צו אַרבעטן איז שוין געווען. און, אַז מען קומט „צווישן לייטן“ — האָט מען געלייגט מער אַכט אויף דער הלבשה. די קינדער זיינען אויסגעקליידט געוואָרן. דער נעבעכדיקער יתום — דער קרועה-בלואיער — האָט זיך אויך אָנגעטאָן ווי אַ מענטש.

צום שבח פון דער פאַרוואַלטונג מוז געזאָגט ווערן, אַז זי האָט זיך דאַן אָפּגעגעבן מיט אַ גרויסער התמדה צו דער אַרבעט, האָט אויסגענוצט אַלע מעגלעכקייטן און אָפטמאָל מער פון די מעגלעכקייטן.

עס דאַרף דאָ אויך דערמאָנט ווערן די באַזונדערס האַרציקע באַציאונג מצד דעם פאַרוואַלטער און אָנגעשטעלטע פון אינטערנאַט צו די כראָנישע חולאים-קינדער און קריפּלען, וועלכע זיינען דאַן געווען ביים אינטערנאַט. זיי האָבן זיך דאָך מער פון אַלעמען געניייטיקט אין אַן אויפזיכט און וואַרימער באַהאַנדלונג און דאָס האָבן זיי געפונען.

אַזוי האָט זיך געצויגן ביז יולי 1920. „יעקאָפּאַ“ פלעגט מאָנאַטלעך אַרויסגעבן אַן אַלגעמיינע סומע פאַרן אינטערנאַט אויף דערנערונג, באַקליידונג און אויך אויף רעמאָנטן פון צייט צו צייט, און מיט דעם געזיכערט זיין עקסיסטענץ.

אין יולי 1920 — אין דער איבערגאַנגס-צייט — ווען נאָוואָגרודאָק איז געווען אָפּגעריסן פון ווילנע, האָט דער אינטערנאַט איבערגעלעבט אַ שרעקלעכן קריזיס. מען האָט זיך געשפּייזט אויסשליסלעך מיט ברויט און וואַסער. צו דעם איז צוגעקומען די מגפה, וועלכע האָט זיך פאַרשפּרייט מיט אַ בליץ-שנעלקייט און האָט אוועקגעריסן פון אינטערנאַט 3 יונגע יתומים. שפּעטער, אַז נאָוואָגרודאָק איז ווידער פאַראייניקט געוואָרן מיט ווילנע און מען איז ווידער געקומען אין פאַרבינדונג מיט „יעקאָפּאַ“, האָט זיך דער מצב נאָך אַמאָל געביטן צום גוטן און עס איז פאַרגעזעצט געוואָרן די אַרבעט מיט נאָך מער ענערגיע. אַזוי האָט זיך געצויגן ביז אָנהויב יאָר 1922


יתומים-הויז אין סלאָנים


די קינדער פון סלאָנימער יתומים-הויז ביי דער אַרבעט אין גאָרטן.

אָנהויב 1922 האָט די יתומים-אַרבעט אין פוילן אָנגענומען אַן אַנדער פאָרם און כאַראַקטער: עס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן דורך דעם ד. ד. ק. די אַזוי גערופענע אַדאָפּטאַציע, וועגן וואָס מיר וועלן ריידן בעגויער שפּעטער. ממילא האָט זיך אויך געביטן דער אופן פון שטיצן דעם אינטערנאַט. צו יענער צייט האָבן זיך אין אינטערנאַט געפונען 50 יתומים. (3 יתומים זיינען, ווי געזאָגט געשטאָרבן און איינער איז אַרויס פון אינטערנאַט). פון דער אַלגעמיינער צאָל יתומים זיינען 30 אַדאָפּטירט געוואָרן דורך דעם געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאַ“ לויט די יסודות פון ד. ד. ק. און די איבעריקע 20 זיינען באַזאָרגט געוואָרן דורך דער פאַרוואַלטונג פון קינדערהיים אויף אַרטיקע מיטלען.

די אַדאָפּטאַציע האָט אַזוי אַרום געווירקט, אַז די זעלבסט-איניציאַטיוו פון דער פאַרוואַלטונג פון אינטערנאַט זאָל זיך פאַרשטאַרקן. די קאָמיסיעס האָבן טעטיק געאַרבעט און ס'זיינען דורכגעפירט געוואָרן אייניקע רעפאָרמען, וועלכע האָבן זייער גוט געווירקט אויף די קינדער. דהיינו: עס איז איינגעלאַדן געוואָרן אַן ערציערין אין אינטערנאַט, עס איז פאַרקאָנטראַקטירט געוואָרן אַ דאָקטאָר, וועלכער פלעגט יעדן טאָג באַזוכן דעם אינטערנאַט. אַ גרעסערע צאָל קינדער איז אָפּגעגעבן געוואָרן צו בעלי-מלכות און אַ טייל מיידלעך האָט זיך געלערנט הויזאַרבעט ביים אינטערנאַט גופא. די פאָלקס-שול האָט אַריינגענומען אין זיך אַלע קינדער אין שול-עלטער און די פאָר-קינדער האָבן באַזוכט אַן אָזנס-שול. דער אינטערנאַט האָט דערגרייכט די העכסטע שטופע פון זיין אינעווייניקסטער אָרגאַניזירונג און האָט אויך פאַרגרעסערט די צאָל קינדער ביז 60.

דער בנין איז שוין אָבער ניט געווען צוגעפּאַסט צו זיין אויפגאַבע. ער איז געווען אַלט און אָפּגעלאָזן און אויך צו ענג פאַר 60 קינדער. מען האָט זיך געווענדעט צו דער נאָוואַראָדקער קהילה, וועלכע האָט פאַרמאָגט אַן אייגענעם בנין, וואו ס'האָט זיך געפונען אַ קינדער-קיך, וועלכע האָט אויפגעהערט צו עקסיסטירן. די קהילה האָט איבערגעגעבן דעם בנין אין רשות פון אינטערנאַט און מען איז צוגעטראָטן צו רעמאָנטירן דעם בנין. ליגנדיק גלייכצייטיק אויף דעם יסוד פאַר אַ נייעם בנין פון 12 אַרשין אויף 23, וועלכן מען האָט געוואָלט דערבויען צום קיך-בנין.

געלט אויף דעם האָט לכתחילה געגעבן דער נאָוואַראָדקער רעליעף אין אַמעריקע און טיילווייז האָט מען אויפגעזאַמלט פון שטאָט. צו ענדיקן דעם בנין איז, אָבער, נאָך געווען אַ מרחק-רב און עס האָט זיך געצויגן ווי פון פעך. דער עקאָנאָמישער קריזיס האָט זיך געלאָזט פילן זייער שטאַרק. שטאָט האָט ניט געקאָנט מער געבן, דער רעליעף האָט אויך ווייטער קיין געלט ניט געשיקט, און „יעקאָפּאַ“ האָט געמוזט נעמען אויף זיך די דורכפירונג פון דער זאַך.

עס האָט זיך איינגעגעבן צו באַקומען פון דעם פאַרבאַנד פאַר יתומים פאַרזאָרגונג אַן איינמאָליקע סובסידיע אויפן בנין און מיט דעם איז אַנטגילטיק געמאַכט געוואָרן אַ סוף צו דער אומנאָרמאַלער לאַגע.

מיטן אויסבויען דעם נייעם בנין האָט דער אינטערנאַט דערגרייכט די מדרגה פון אַ מאָדערנעם אַנשטאַלט. עס איז געלייגט געוואָרן אַכט אויף דער איינעווייניקסטער איינריכטונג. די הילצערנע בעטן זיינען מיט דער הילף פון „יעקאָפּאָ“ אומגעביטן געוואָרן אויף אייזערנע. עס איז אויך אַרויסגעגעבן געוואָרן דעם אינטערנאַט וועש און קליידונג.

דער בנין באַשטייט פון צוויי טיילן — רעמאָנטירטער אַלטער בנין און דערבויטער נייער. די לענג פון ערשטן איז 11,18 מעטער, די ברייט 8,20 מ. און די הויך — 3 מעטער. די לענג פון דערבויטן בנין איז 15 50 מעטער, די ברייט 8,17 מ. און די הויך 3 מעטער. די אַלגעמיינע קובאַטור פון גאַנצן בנין איז 647,57 מעטער.

אין נאָוועמבער 1924 איז דער בנין ענדגילטיק פאַרענדיקט געוואָרן און דעם 7-טן דעצעמבער 1924 איז פאָרגעקומען דער פייערלעכער חנוכּת-הבית פון נייעם בנין. אין דער אַנוועזנהייט פון דער אָרטיקער געזעלשאַפט, פאָרשטייער פון די אַרומיקע שטעטלעך און עקזעקוטיוו-מיטגלידער פון „יעקאָפּאָ“.

דער ענטוזיאַזם פון די געסט האָט נאָך אַמאָל באַוויזן, אַז די סימפּאַטיעס צו דעם אַנשטאַלט זיינען זייער גרויס.

אָבער אינגיכן זיינען אָנגעקומען שווערע צייטן פאַרן אינטערנאַט. דער ד.ד.ק. האָט שטאַרק רעדוצירט די שטיצע און די סובסידיע פון „יעקאָפּאָ“ האָט זיך צוליב געלט-מאַנגל געמוזט פאַרקלענערן. די אָרטיקע באַפעלקערונג האָט געטאָן, וואָס נאָר מעגלעך, אָבער דער אָנגעקומענער עקאָנאָמישער קריזיס האָט דערפירט די מעגלעכקייטן ביז אַ מינימום. דער מאַטעריעלער מצב פון אינטערנאַט איז ווידער געוואָרן קריטיש. פון די 60 קינדער זיינען פאַרבליבן נאָר 40. אַ טייל זיינען אָפּגעפאַלן, ווייל זיי האָבן געענדיקט אַ פאַך און געוואָרן זעלבסטשטענדיק, אַ טייל ווידער זיינען אָפּגעפאָרן צו זייערע קרובים אין רוסלאַנד אָדער אַמעריקע.

אין גוטע צייטן וואָלטן אָנגענומען געוואָרן אויף זייער אָרט אַנדערע קינדער. איצט האָט מען זיך דעם לוקסוס גיט געקענט פאַרגינען און די צאָל קינדער איז פאַרבליבן דיזעלבע.

עס איז געווען אַ געמאַטערטער לעבן. עס האָט גענומען אויספעלן עסן. די קינדער האָבן געליטן הונגער. מען פלעגט אָפּטמאָל חלשן פון שוואַכקייט.



אין מערץ 1925 האָט זיך אין נאָוואָגרודאָק באַזוכט דער אַדוואָקאַט גומענער, געוועזענער פאָרזיצער פון דער יתומים-קאָלעגיע ביים ד.ד.ק. אין וואַרשע. ער האָט זיך שטאַרק פאַראינטערעסירט מיט דעם יתומים-הויז און האָט אָנגענומען ענערגיש צו אַרבעטן לטובת זיין אַנטוויקלונג צוזאַמען מיט אַ ריי אָרטיקע טוער. דעם 22-סן מערץ 1925 איז פאָרגעקומען די גרינדונגס-פאַרזאַמלונג פון דער „געזעלשאַפט פאַר יתומים-פאַרזאָרגונג אין נאָוואָגרודאָק“. מען האָט אָנגעבורט די לעצטע קרעפטן צו באַהערשן די לאַגע.

מען האָט זיך געווענדעט צו שטאָט: קערות, עליות, נדרים, ספּעקטאַקלען. עס האָט ביסלעכווייז געהאָלפן. מען האָט זיך געווענדעט צו די אַרומיקע שטעטלעך ליובטש—קאַרעליטש. עפּעס איז געוואָרן.

מען האָט זיך אויך געווענדעט צו דער רעגירונג (סאָציאַלע פאַרזאָרגונג), צום סיימיק און מאַגיסטראַט. נאָך לאַנגע השתדלותן האָט מען געפועלט: דער מאַגיסטראַט האָט געגעבן אַן איינמאָליקע סובסידיע פון 500 זל. די אָפּטיילונג פאַר סאָציאַלע פאַרזאָרגונג ביי דער וואָיעוואָדסטווע און דער סיימיק האָבן אַסיגנירט צו 200 זל. מאָנאַטלעך. אונטער דער צייט האָט זיך אויך פאַרגרעסערט די שטיצע פון „יעקאָפּאָ“ — דער ד.ד.ק. האָט ווידער אָנגעהויבן אַ פאַרגרעסערטע יתומים-אַקציע — און די לאַגע פון אינטערנאַט האָט זיך פולשטענדיק געביטן.

ווידער האָט מען זיך אָפּגעגעבן ניט נאָר מיט דערנערונג, נאָר מען האָט אַריינגעבראַכט נייע תקונים. געלייגט אַכט אויף דער בילדונג, געשיקט אַ פאָרשטייער אין עלטערן-קאָמיסעס פון דער פאָלקס-שול, אָוונט-שול און דורכגעפירט אייניקע רעמאָנטן.

מען האָט זיך אויך ספּעציעל אָפּגעגעבן מיט די 10 טראַכאָמע-קראַנקע קינדער, וועלכע האָבן זיך געפונען אין אינטערנאַט און זיי פולשטענדיק אויסגעהיילט.

אין יאָר 1926 איז די לאַגע געווען פאָלגנדע:

קינדער זיינען געווען אין אינטערנאַט 33 — 22 מיידלעך און 11 יינגלעך.

פון זיי זיינען קיילעכדיקע יתומים—21. אָן אַ פאָטער—12.

12 יתומים לערנען זיך מלאכה: 6 שניידערינס 2 שניידער, 2 וועשנייטערינס, 1 סטאָלער און 1 פאָטאָגראַף.

8 קינדער פון די פריערדיקע יתומים,



וועלכע זיינען שוין אַרויס פון אינטערנאַט זיינען געוואָרן אינגאַנצן זעלבסטשטענדיק: 1 פאָטאָגראַף, 1 צאָן-טעכניקער, 1 סטאָלער, 2 שניידערינס און 3 שניידער.

## ב. לידע.

דער אינטערנאַט אין לידע האָט זיך געגרינדעט אין מיטן יאָר 1919, נאָכדעם ווי די פּאָליאַקן האָבן פאַרנומען דעם געביט.

דאָס איז געווען אָקאָרשט נאָך דער איבערגאַנגס-צייט אין עטלעכע חדשים נאָכן אָפּטרעטן פון די דייטשן. ס׳זיינען נאָך קוים געווען פאַרענדיקט די קאַמפן צווישן די פּאָליאַקן מיט די באָלשעוויקעס.

די געשעענישן האָבן געשאַפן אַ שרעקלעכע אַטמאָספער אין די אַרומיקע שטעטלעך, און פון דער סביבה און ישובים האָט מען זיך צונויפגעזאַמלט אין דער גרעסערער שטאָט. ס׳האָט זיך גענומען באַמערקן אַ גרויסע דעמאָראַליזאַציע צווישן די קינדער פון דער פרעמד — דער עיקר יתומים — און דאַן איז צייטיק געוואָרן דער געדאַנק וועגן גרינדן אַ יתומים-הויז, וועלכער איז טאַקע פאַרווירקלעכט געוואָרן אין לעבן. די קינדער זיינען, דער עיקר, רעקרוטירט געוואָרן פון די אָנגעלאָפענע פון די אַרומיקע שטעטלעך, ווי אויך פון די דירעקטע מלחמה-יתומים פון דער שטאָט לידע גופא.

עס איז געדונגען געוואָרן אַ בנין פון 7 חדרים, וועלכער איז איינגעטיילט געוואָרן אויף פאָלגנדן אופן: 2 חדרים זיינען אָפּגעגעבן געוואָרן אויף שלאָף-צימערן, 1 חדר — אַן עס-צימער, 1 צימער פאַרן פּערסאָנאַל, 1 איזאָלאַציע-צימער, אַ קיך און אַ שפּיזאַרניע.

בראש פון אינטערנאַט איז געשטאַנען אַן אויסגעקליבענע פאַרוואַלטונג, וועלכע האָט געהאַט אויפן אינטערנאַט די פולע השגחה.

ווי געוויינלעך, איז דער אינטערנאַט, וועלכער איז אַרויסגערופן געוואָרן דורך די נויטן פון דער שטאָט, געשטיצט געוואָרן לכתחילה דורך לידע גופא. נדבות איז געווען דער הויפּט-מקור, וואָס האָט געדעקט דעם בודזשעט. שפּעטער, אַז דער ד.ד.ק. האָט אַנטוויקלט אַ ברייטע טעטיקייט אויפן געביט פון תמיכה — האָט אויך לידע נהנה געווען דערפון און במילא איז אויך דער אינטערנאַט באַזאָרגט געוואָרן.

עס דאַרף, דערביי, צוגעגעבן ווערן, אַז הגם „יעקאָפּאָ“ האָט שוין צו יענער צייט געאַרבעט ווייט אין געגנט און אַרומגענומען אַזאַ גרויסן שטח, ווי גאַנץ

ווילנער און נאָוואָגרודקער ראַיאָנען דאָך איז די שטאָט לידע, צוליב פאַרשיידענע סיבות, ניט אַריינגעגאַנגען אין טעטיקייטס-געביט פון ״יעקאָפּאָ״, אַזוי, אַז לידע איז געווען אַ פּונקט פאַר זיך, וועלכער האָט בעקראָגן שטיצע דירעקט פון ד.ד.ק. פון וואַרשע.

סוף יאָר 1921 איז לידע איינגעשלאָסן געוואָרן אין ״יעקאָפּאָ״-געביט און דערמיט איז אויך דער אינטערנאַט געשטעלט געוואָרן אונטער דער אויבערשטער השגחה פון ״יעקאָפּאָ״.

אַ קורצע צייט איז אויסגעקומען דעם אינטערנאַט צו געניסן פון געוויינליכער תמיכה, און באַלד צום אָנהויב יאָר 1922 איז מען אַריבער צו דער נייער אַדאָפּטאַציע-סיסטעם מיט אירע פּראָדוקטיווע מאָמענטן.

אין משך פון דער צייט איז דער בנין רעמאָנטירט און צוגעפּאַסט געוואָרן פאַר זיין ציל. עס זיינען אויך איבערגעביטן געוואָרן די הילצערנע בעטלעך אויף אייזערנע, די בעטגעוואַנט און די אויבערשטע וועש זיינען באַנייט געוואָרן א. א. וו. עס איז געלייגט געוואָרן אויפמערקזאַמקייט אויף די קליידונג און שוכונג פון די קינדער.

ס׳איז איינגעפירט געוואָרן אַ גאַנץ באַפרידיגנדיקער שפּייז-ראַציאָן, די קינדער זיינען צוגעוואוינט געוואָרן צו נעמען אַ טיכטיקן אָנטייל אין דער בעל-הביתישקייט, פאַרריכטן וועש, וואַשן און טאָן אַלע אַנדערע אַרבעטן.

אין סאַניטאַר-מעדיצינישער הינזיכט איז אַ סך געטאָן געוואָרן: אַלע קראַנקע קינדער זיינען אויסגעהיילט געוואָרן, צווישן זיי פאַוואוס-קראַנקע א. א.

די עלטערע קינדער האָט מען אָפּגעגעבן צו בעלי-מלאכות צו לערנען זיך אַ פאַך.

ערגער שטייט דער ענין מיט בילדונג. לידע איז אַ יוצא מן הכלל אין דער גאַנצער געגנט: אין דער צייט ווען אומעטום אין געגנט עקסיסטירן יידישע אָדער העברעאישע שולן, איז אַזאַ ניט בנמצא אין לידע, דער גרעסטער שטאָט אין דער ווילנער פּראָווינץ.

עס עקסיסטירט אין לידע אַ פּוילישע פאָלקס-שול פאַר יידישע קינדער און אין דער שול לערנען זיך אויך די אינטערנאַט-קינדער פון שול-עלטער. אייניקע קינדער באַזוכן אויך די תלמוד-תורה.

ביים אינטערנאַט איז פאַראַן אַ דערציערין, וועלכע גיט אַכטונג אויף די קינדער און מאַכט מיט זיי די לעקציעס.

פאַר דער גאַנצער צייט, וואָס דער אינטערנאַט עקסיסטירט, האָבן זיך אויסבעהאַלטן אין אים 50 קינדער.

פון זיי האָבן 17 באַקומען פאַך-בילדונג: 1 סטאָלער, 1 בלעכער, 1 קירזשנער, און 14 שניידער און שניידערינס.

אין יאָר 1926 האָבן זיך געפונען אין אינטערנאַט 33 יתומים: 13 יינגלעך, 20 מיידלעך. פון זיי 10 קיילעכדיקע יתומים און 23 אָן אַ פאָטער.

פאַך-למודים לערנען זיך 17 יתומים: די פאַכן זיינען פאָלגנדע: 7 שניידער, 6 שניידערינס, 1 סטאָלער, 1 קירזשנער, 1 בלעכער, און 1 פוצמאַכערין.

אַלגעמיינע למודים לערנען זיך די פאַך-קינדער אין אָוונט ביי אַ פּריוואַטן לערער.

אין הינזיכט פון באַקומען אַ געוויסע שטיצע פון מאַגיסטראַט איז לידע געווען איינע פון די ערשטע שטעט, וואָס איז צו פאַרדאַנקען דער ענערגישער אַרבעט מצד דער יתומים-קאָמיסיע.

דער אינטערנאַט האָט אויך אַ קליינע הכנסה פון די 6 מאָרג שטאָטישע ערד, וועלכע איז דורך דעם מאַגיסטראַט אָפּגעגעבן געוואָרן אין רשות פון אינטערנאַט צו באַאַרבעטן. דאָס באַזאָרגט דעם אינטערנאַט מיט קאַרטאָפל און שאר ירקות.

## ג. איוויע.

אין יאָר 1920 איז איוויע באַזוכט געוואָרן דורך דעם פאָרשטייער פון איוויער רעליעף אין אַמעריקע ה׳ אַלעקסאַנדער הארקאַווי און באַפולמעכטיקטן פון ״יעקאָפּאָ״ י. וואַלק מיטן צוועק אויסצוצאָלן די געלטער, וועלכע זיינען געשיקט געוואָרן פון די איוויער לאַנדסלייט אין אַמעריקע. אויף אַ געמיינזאַמער זיצונג אין איוויע איז באַשלאָסן געוואָרן דאָס געלט צו פאַרווענדן ניט נאָר אויף סתם צדקה, נאָר אויך אויף ממשותדיקע ענינים.

אַלס רעזולטאַט פון דער זיצונג איז דעם 25 מאַי 1920 געעפנט געוואָרן דער אינטערנאַט אין איוויע פאַר 34 קינדער אין אַ געדונגענער וואוינונג.

דאָס געלט, וועלכע איז אָפּגעלייגט געוואָרן אויף דעם צוועק, איז אָבער געווען צו קנאַפּ און דעריבער האָט ״יעקאָפּאָ״ גענומען אויף זיך די גאַנצע אויסשטאַטונג, ווי באַזאָרגן דעם אינטערנאַט פולשטענדיק מיט אַלע מינים וועש, בעטגעוואַנט, מכשירים, הלבשה און באַשוכונג, קאָלדרעס, ליילעכער, האַנטעכער א. אַז. וו.

דער אינטערנאַט האָט אויך געקראָגן אַ מאָנאַטלעכע סובסידיע פון ״יעקאָפּאָ״ אויף דערנערונג, רעמאָנט פון דער דירה און אַדמיניסטראַציע. חוץ דעם פלעגט פון צייט צו צייט צוגעשיקט ווערן געלט פון איוויער רעליעף, וועלכע פלעגן פאַרווענדעט ווערן אויף די לויפנדע הוצאות פון אינטערנאַט.

דער אינטערנאַט האָט זיך אַזוי ביסלעכווייז גענומען אַנטוויקלען און די דירה איז געוואָרן צו ענג און ניט צוגעפּאַסט. מען האָט, דעריבער, גענומען טראַכטן וועגן אַן אייגענעם בנין; מען האָט זיך וועגן דעם געווענדעט אין אַמעריקאַנער רעליעף, וועלכער האָט צוגעשיקט 900 דאָלאַר אויפן חשבון פון בויען אַ בנין. דאָס איז געווען אין יאָר 1921. ס׳זיינען מאָביליזירט געוואָרן די אָרטיקע כוחות און ס׳האָט זיך איינגעגעבן צו באַקומען אויך ביי דער באַפעלקערונג (פון נדבות) אַ סומע פון 500 דאָלאַר.

מען האָט אויסגעבויט אַ בנין די גרויס פון 9×12, אין וועלכן עס זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן נאָר די שלאָף-צימערן. די קיך און דער עס-צימער געפינען זיך אין אַ דערבייאיקער הויז. אויף דעם אופן געפינט זיך דער אינטערנאַט אין 2 בנינים. דאָס איז אָבער געווען אַן אומפאַרמיידלעכע זאַך, בעמענדיק אין אַכט, אַז די סומע, וועלכע מען האָט באַקומען און צונויפגעקליבן, האָט בשום אופן ניט געקלעקט אויף אָפּצובויען אַ גרעסערן בנין.

פאַר דער צייט פון דער עקסיסטענץ פון אינטערנאַט האָט די פאַרוואַלטונג זיך געפליסט צו מאַכן באַקוועמער דעם לעבן פון די קינדער, וואָס געפינען זיך אונטער איר השגחה. דער אויפבויען דעם בנין איז געווען אַ התחלה פון שאַפן אַ ווינקל, אין וועלכן עס זאָל קענען אָפּגעהיט ווערן די ריינלעכקייט פון די קינדער, וואָס עס איז אוממעגלעך געווען אין פריערדיקן אַלטן בנין, וועלכער איז געווען אויף העלפט אַ חורבה.

״יעקאָפּאָ״ האָט איבעראַנייס אַרויסגעגעבן וועש און בעטגעוואַנט, האָט אויך דערמעגלעכט אומצובייטן די הילצערנע בעטלעך אויף אייזערנע. פאַר די קינדער זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן קליידער, שיך און אויבערשטע מלבושים.

ביי דער שפּעטערדיקער אַדאָפּטאַציע איז דער מאַטעריעלער מצב פון אינטערנאַט פאַרפעסטיקט געוואָרן.

פאַר דער צייט, וואָס דער אינטערנאַט עקסיסטירט, זיינען אין אים געווען 42 קינדער, וועלכע זיינען אויסגעהאַלטן און דערצויגן געוואָרן. אַלע קינדער אָן אויסנאַם, אויב זיי זיינען נאָר געווען אין שול-עלטער, זיינען אָפּגעגעבן געוואָרן אין דער יידישער פאָלקס-שול און ״תלמוד תורה״, וועלכע האָבן עקסיסטירט און עקסיסטירן אין איוויע.

די קראַנקע און שוואַכע קינדער זיינען באַזאָרגט געוואָרן מיט מעדיצינישע הילף.

די גרעסערע קינדער זיינען אָפּגעגעבן געוואָרן צו בעלי-מלאכות, אין אָוונס נאָך דער אַרבעט האָבן זיי זיך געלערנט פאַרשיידענע לימודים. ס״ה האָבן באַקומען פאַך-בילדונג 23 קינדער: 19 שניידער און 4 שוסטער.

אין יאַנואַר 1926 האָבן זיך געפונען אין אינטערנאַט 22 יתומים: 10 יינגלעך און 12 מיידלעך. פון זיי קיילעכדיקע יתומים 5 און אָן אַ פאָטער 17. מלאכה לערנען זיך: 12 קינדער — 3 שניידער, 8 שניידערינס און 1 שוסטער.

פון די פאַך-קינדער זיינען שוין זעלבסשטענדיק געוואָרן 3 שוסטער און 9 שניידער, וועלכע פאַרדינען שוין פאַר זיך.

## ד. אַשמענע.

דער אינטערנאַט האָט זיך געעפנט דעם 3-טן יאַנואַר 1921 לויט דער איניציאַטיוו פון „יעקאָפּאָ" און מיט איר דירעקטער מיטהילף.

ס׳זיינען אויך איינגעפלאָסן ספעציעלע געלטער פון דעם אַמעריקאַנער רעליעף און פון אייגענע שטעטלשע מקורים.

דער בנין איז געווען אַ פאַסנדער, אַ קהלשער, האָט מען געקענט טאָן אין אים, וואָס מען האָט געוואָלט. האָט מען אים טאַקע רעמאָנטירט ווי עס דאַרף צו זיין און איינגעטיילט די צימערן לויט אַ באַקוועמער אָרדענונג.

די אינטערנאַט-קאָמיסיע, דאָס רוב, דאַמען, האָט געטו׳ם מיט מסירות נפש און פאַרשטענדניש פאַר דער זאַך, און מיט גרויס ליבע צו די פאַרוואָגלטע קינדער.

זוכנדיק צו באַפרידיקן די הצטרכותן פון די קינדער, האָט די קאָמיסיע ניט נאָר געזאָרגט פאַר דעם חומר, נאָר אויך פאַר דער מעגלעכקייט פון פאַרוואַנדלען דעם אינטערנאַט-בית-היתומים — אין אַן אָפּרו-ווינקל, וואו דער יתום זאָל זיך פילן אָנגענעם און אונטער אַ האַרציקער השגחה.

צוליב דעם ציל זיינען אָנגעשטרענגט געוואָרן אַלע כוחות, כדי צונויפזאַמלען אַ גענוגנדע סומע געלט אויף אויסצובויען אַ צווייטן גאָרן אויפן בנין פון אינטערנאַט.

מיט פיל ענערגיע איז די סומע געשאַפן געוואָרן; אַ טייל האָט געגעבן דער רעליעף, אַ טייל „יעקאָפּאָ" און אַ טייל די שטאָט; און עס איז פולשטענדיק פאַרווירקלעכט געוואָרן דער וואונש פון די אמתע פריינד פון אָרטיקן קינדער-אינטערנאַט.

אין אַלעמען פאַרנעמט דער אינטערנאַט 10 צימערן, צווישן זיי 4 גרויסע: אַן עס-צימער, 2 שלאָף-צימערן און אַ פאַרהיילונגס-צימער. דער בנין האַלט בס״ה 24×9×8 אַרשין.

דער „שאַפונגס-גייסט" האָט נאָך די אינטערנאַט-פאַרוואַלטונג אַלץ ניט אָפּגעלאָזן. זיי ענדיקן בויען אַ פליגל צום בנין די גרויס פון 9×8 אַרשין. דאָרטן ווילן זיי איינריכטן אַ וועשעריי-צימער און די קיך. די מיטלען האָט לכתחילה געגעבן דער אַמעריקאַנער רעליעף און דער בנין ווערט פאַרענדיקט מיט דער הילף פון „יעקאָפּאָ".

אויך דאָ איז דורכגעפירט געוואָרן די זעלבע סיסטעמאַטישקייט, וואָס אין די איבעריקע אינטערנאַטן: השגחה איבער די קליינוואַרג, שול-בילדונג פאַר די מיטעלערע און פאַך-בילדונג פאַר די עלטערע.

עס איז איינגעלאַדן געוואָרן אַ דערציערין, וועלכע פלעגט פאַרברענגען מיט די קינדער אין פאַרשיידענע שפּילערייען, שמועסן, שפּאַצירונגען און לייענען.

די דערציערין פלעגט, פאַרשטייט זיך, השגחה געבן ניט נאָר אויף די קליינע קינדער, נאָר פלעגט אויך פאַרברענגען מיט די קינדער נאָך דער שול, פלעגט מאַכן מיט זיי די לעקציעס א. א. וו.

אין הינזיכט פון קולטורעלער אַנטוויקלונג איז אַשמענע געשטאַנען אויף דער געהעריקער הויך. די קינדער זיינען געווען איינגעאָרדנט אין דער אָרטיקער יידישער פאָלקס-שול. די פאַך-קינדער האָבן באַזוכט אַן אָוונט-שול. חוץ דעם עקסיסטירט ביים אינטערנאַט אַ קינדער-ביבליאָטעק מיט איניקע הונדערט ביכער.

בנוגע פאַך-בילדונג איז דער אינטערנאַט אין אַשמענע געשטאַנען אין אַ באַוואוסטער הינזיכט בעסער, ווי אַלע איבעריקע אינטערנאַטן, מחמת אין אַשמענע האָט עקסיסטירט איניקע יאָר אַ גוט-איינגעאָרדנטע פאַך-שול (צום ערשטן ביי „יעקאָפּאָ" און, נאָכדעם געשטיצט דורך „אָרט") און די קינדער זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן אין דער פאַך-שול און געקראָגן אַ מוסטערהאַפטע פאַך-בילדונג (שניידעריי, שטעפעריי, שוסטעריי).

די קינדער האָבן באַקומען פון „יעקאָפּאָ" די נויטיקע באַקליידונג און באַשוכונג.

פאַר די גאַנצע צייט, וואָס דער אינטערנאַט עקסיסטירט, האָבן זיך אין אים אויפגעהאַלטן 69 קינדער. פאַך-בילדונג האָבן געקראָגן פאַר דער צייט 46 קינדער (שוסטעריי — 12, שניידעריי—17, שטעפעריי—1, מאָלער—1, בלעכער—3 און סטאָלער—2).

די גרעסטע צאָל קינדער, וועלכע האָבן פאַרלאָזן דעם אינטערנאַט זיינען איינגעאָרדנט ביי זייער פאַך. אַ טייל האָבן עמיגרירט קיין אַמעריקע. אַנדערע, ווידער, קיין רוסלאַנד.

אין יאָר 1926 האָבן זיך געפונען אין אינטערנאַט 27 יתומים: 11 מיידלעך און 16 יינגלעך. פון זיי 11 רונדע יתומים און 16 אָן אַ פאָטער. מלאכה לערנען זיך 9 יתומים: 2 שניידער, 5 שניידערינס, 1 בלעכער, 1 קירזשנערין.

דער אינטערנאַט פאַרמאָגט אַ גרויסן קהלשן-פּלאַץ פון 50×90 אַרשין, וועלכער גיט בערך 80 פוד גרינס און קאַרטאָפל אַ יאָר.

## ערב דער אַדאָפּטאַציע.

ווי עס איז צו זען פון דער ביז איצט געשילדערטער טעטיקייט אויפן יתומים-געביט איז די אַרבעט בכלל געווען מערוויניק אָן אָרגאַניזירטע און אויסגערעכנטע, הגם די געלט-מיטלען זיינען געווען צופעליקע.

צופעליק זיינען זיי געווען דערפאַר, ווייל ביזן יאָר 1922 האָט דער ד. ד. ק בכלל ניט געפירט קיין אַרבעט אויפן געביט פון יתומים-פאַרזאָרגונג. דער ד. ד ק. האָט טאַקע געפירט אַ הילפס-טעטיקייט. אָבער, צוליב פאַרשיידענע סיבות איז די דאָזיקע טעטיקייט ניט געווען סיסטעמאַטיזירט און ניט געווען פונאַנדערגעטיילט לויט געוויסע ספעציעלע אַרבעטס-פּלענער.

דאָרטן, אָבער, וואו דער ד. ד. ק. האָט אָנגעטראָפן אויף אַ טעטיקע יידישע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציע, האָט ער במילא איבערגעגעבן די אַרבעט אין רשות פון דער אָרגאַניזאַציע און האָט בעהאַלטן נאָר דעם אויבערשטן קאָנטראָל.

אין דער גליקלעכער לאַגע איז געווען „יעקאָפּאָ", וועלכע האָט געוואונען דעם פולשטענדיקן צוטרוי פון ד. ד. ק., פונקציאָנירנדיק נאָך פון פריער און זייענדיק געבויט אויף פעסטע געזעלשאַפטלעכע יסודות. די אַרבעט איז אויף דעם אופן דורך „יעקאָפּאָ" געפירט געוואָרן לויט דער אייגענער איניציאַטיוו און אין דער גאַנצער ברייט. מיט דעם קען זיך, פאַרשטייט זיך, ערקלערן די יתומים-אַרבעט, וועלכע „יעקאָפּאָ" האָט געפירט, אַ צייט פריער, איידער אַזאַ מין טעטיקייט איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אין דער גאַנצער פּוילישער רעפּובליק.

עס דאַרף אויך אונטערגעשטריכט ווערן, אַז „יעקאָפּאָ" האָט זיך ניט נאָר באַגרעניצט מיט דער יתומים־אַרבעט אויף איר געביט, נאָר האָט אויך געווירקט, אַז אַזאַ אַרבעט ווי יתומים־פאַרזאָרגונג, זאָל בכלל געשטעלט ווערן אויפן טאָג־אָרדענונג פון דער ווייטערדיקער אַרבעט פון ד. ד. ק.

נאָך אין האַרבסט 1921 האָט „יעקאָפּאָ" איבערגעגעבן אין ד. ד. ק. אַן אויספירלעכן מעמאָראַנדום און אַ פּראָיעקט ווי די יתומים־פאַרזאָרגונג זאָל אַוועקגעשטעלט ווערן. אַלס הויפּט־יסודות זיינען אָנגעוויזן געוואָרן פאָלגנדע:

1. אינטערנאַטן. די בעסטע סיסטעם פון פאַרזאָרגן יתומים, פאַרשטייט זיך, אויב זיי ווערן געפירט אין אַ גוטן סדר און לויט דעם אַרבעטס־פּרינציפּ.

2. אינדיווידועלע פאַרזאָרגונג. דאָ איז אַנטוויקלט געוואָרן אַ גענויער פּלאַן, ווי אַזוי די קינדער, וועלכע קענען ניט איינגעאָרדנט ווערן אין אינטערנאַטן, זאָלן אינדיווידועל באַזאָרגט ווערן. דערביי דאַרפן אויסגעטיילט ווערן די רונדע יתומים, וועלכע האָבן אויף זיך קיין שום השגחה ניט. זיי דאַרפן אָפּגעגעבן ווערן אין פּריוואַטע הייזער, דער עיקר, אין האַנטווערקער־פאַמיליעס, וואו דער קינד זאָל פון ערשטן טאָג אָן האָבן ארום זיך אַ געזונטע און ערלעכע אַרבעטס־אַטמאָספער. נאָכדעם ווערט אָנגעוויזן, אַז די קינדער דאַרפן איינגעטיילט ווערן אין 3 קאַטעגאָריעס, לויטן עלטער: ביז 6 יאָר, ביז 10 יאָר און ביז 12 יאָר. דערביי דאַרף מען ביי דער אינדיווידועלער פאַרזאָרגונג דער עיקר האָבן אין זינען די לעצטע קאַטעגאָריע, די יינגערע יתומים דאַרף מען בעסער אָפּגעבן אין אינטערנאַטן. וואָס אָנבאַלאַנגט דער אויסהאַלטונג פון יתום דאַרף זי זיין גאַראַנטירט אויף אייניקע יאָר, כדי דער יתום זאָל ניט זיין קיין אָביעקט פון צופעליקער פאַרזאָרגונג, נאָר זאָל קענען ערצויגן ווערן זיכער און צילבאַוואוסט אַלס נוצלעכער מענטש. ווייטער ווערט פּראָיעקטירט, אַז פאַר די יתומים אין עלטער פון 12 ביז 15 יאָר און עלטער, זאָלן געגרינדעט ווערן האַנטווערקער־וואַרשטאַטן, וועלכע זאָלן אַרויסלאָזן די יתומים אַלס יונגע מענ[...] צוגעפּאַסטע צום ווייטערדיקן זעלבסטשטענדיקן לעבן.

צום סוף אַ 3־טע מעגלעכקייט: דאָס איז די אַדאָפּטירונג אויף מעבר לים. די דאָזיקע סיסטעם, ווערט געזאָגט אין מעמאָראַנדום, איז אַמבעסטן צוגעפּאַסט צו דער יתומים־פאַרזאָרגונג בנוגע אוקראַינע און ווייסרוסלאַנד, וואו די כוואַליעס פון פּאָגראָמען האָבן פאַרשוויינקט דאָס ל...ד



און חרוב געמאַכט דאָס גאַנצן יידישן לעבן. ביי רואיקערע און נאָרמאַלערע לעבנס־באַדינגונגען אָדער אין אַנדערע לענדער דאַרף די אַדאָפּטאַציע פון מעבר לים פאַרשטאַרקט ווערן אין דעם זין, אַז די באַטרעפנדע יתומים זאָלן אויף די ערטער גופא אַדאָפּטירט ווערן דורך אַמעריקאַנער יידן אויף אַ פּריוואַטן אופן און די לעצטע זאָלן זאָרגן פאַר די יתומים, יעדער אַדאָפּטאַנט פאַר זיין יתום, ביז ער, דער יתום, וועט ניט ווערן זעלבסטשטענדיק.

די אַלע פאַרשלאָגן זיינען אַרויסגעזאָגט געוואָרן אויפן סמך פון דער פּראַקטיק, וואָס דער קאָמיטעט פון „יעקאָפּאָ" האָט געהאַט אין דער צייט פון זיין טעטיקייט אויפן געביט פון יתומים־פאַרזאָרגונג און וואָס עס האָט באַוויזן, אַז ביי אַ פעסטער דורכגעטראַכטער סיסטעם איז דורכאויס מעגלעך צו פאַרווירקלעכן די דורכפירונג פון דער יתומים־פּראָבלעם אויף די אָנגעוויזענע יסודות.

דאָס איז אין אַלגעמיינע שטריכן דער תמצית פון מעמאָראַנדום, וואָס איז בשעתו דערלאַנגט געוואָרן דעם ד. ד. ק., וועלכער האָט דאַן אָנגעהויבן צוריבערצוגיין פון תמיכה צו אַ סיסטעמאַטישער הילפס־אַרבעט פון אַ דויערנדן כאַראַקטער.

נאָך דער ליקווידאַציע פון דער דזשוינט־תמיכה (יולי 1921) זיינען געגרינדעט געוואָרן דריי נייע דעפּאַרטאַמענטן פון ד. ד. ק.: קאָנסטרוקטיווער. מעדיצינישער און היימלאָזער. אמת, פון די ווייטערדיקע מאַטעריאַלן דערוויסן מיר זיך, אַז חוץ די 3 דעפּאַרטאַמענטן איז געווען [...]עקטירט צו אַרבעטן אויך אין הינזיכט פון קינדער־פאַרזאָרגונג. ס'האָט זיך שוין געוועסט אָנגעהויבן עפּעס וואָס צו טאָן און ס'איז אַפילו געווען פונאַנדערגעשיקט פון דזשוינט אַ צירקולייר וועגן צונויפרופן אַ באַראַטונג וועגן די ענינים,— אָבער די זאַך איז פּלוצלונג איבערגעריסן געוואָרן און ערשט שפּעטער איז זי ווידער באַנייט געוואָרן.

די נויט פון די יתומים זיינען געווען גרויס און דער דזשוינט, וועלכער האָט געהאַט דעם עיקר־ציל צו ראַטעווען פון אונטערגאַנג די יידישע באַפעלקערונג, האָט אויך דאָסמאָל ערפילט זיין אויפגאַבע און אַזוי זעען מיר שוין סוף יאָר 1921 די אָרגאַניזירונג פון דעם דעפּאַרטאַמענט פון ד. ד. ק. פאַר יתומים־פאַרזאָרגונג, וועלכער האָט אינגיכן גענומען אַנטוויקלען אַ גרויסע אַרבעט.

## די אַדאָפּטאַציע.

סוף יאָר 1921 איז קאָנסטרואירט געוואָרן אַ פעסטער דעפּאַרטאַמענט ביים





ד. ד. ק., דהיינו דער דעפּאַרטאַמענט פאַר יתומים־פאַרזאָרגונג, וועלכער האָט זיך ספּעציעל אָפּגעגעבן מיט דער דאָזיקער אַרבעט אין ברייטן מאַסשטאַב.

קודם כל איז אין יאַנואַר 1922 צונויפגערופן געוואָרן פון ד. ד. ק. אַ באַראַטונג, אויף וועלכער עס איז געלייגט געלייגט געוואָרן דער גרונט־שטיין פון דער אַרבעט און עס זיינען אָנגעמערקט געוואָרן די ליניעס פון דער טעטיקייט.

ס'איז באַשלאָסן געוואָרן צו באַזאָרגן נאָר מלחמה־יתומים, ד. ה. די קינדער, וועמעס עלטערן עס זיינען אומגעקומען דירעקט אין דער מלחמה אָדער אומדירעקט צוליב דער מלחמה. די באַזאָרגונג פון זיי האָט געדאַרפט פאָרקומען אויף צוויי אופנים: דורך אָרגאַניזירן יתומים־הייזער און אויף אַ פּריוואַטן אופן.

די שטיצע האָט זיך געזאָלט אויסדריקן אין דערנערונג, באַשוכונג און באַקליידונג; דירה; בילדונג אין פאָלקס־שולן און פאַך־אויסבילדונג. מיט איין וואָרט—העלפן דעם קינד פון זיינע פריסטע יאָרן ביז אים מאַכן פאַר אַ מענטשן.

דער ציל פון דער אַדאָפּטאַציע איז געווען קלאָר: שאַפן פאָרמען פון געזעלשאַפטלעכער שוץ און השגחה איבער די טויזנטער געפּלאָגטע יתומים, וועמענס גורל עס איז געווען אויף הפקר.

צוליב דעם ציל האָט געדאַרפט געגרינדעט ווערן איבער גאַנץ פּוילן אַ נעץ פון יתומים־קאָמיסיעס און קאָמיטעטן, וועלכע האָבן געזאָלט האַלטן אין זייערע הענט דעם גאַנצן אַפּאַראַט פון דער פאַרזאָרגונג.

די יתומים־אַרבעט איז ניט קיין אויפטו—פון און פאַר יחידים. זי האָט געמוזט טראָגן אַ פאָלקסטימלעכן כאַראַקטער און ממילא האָבן זיך אין איר געמוזט באַטייליקן אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג. ס'איז דעריבער באַשלאָסן געוואָרן, אַז אין די יתומים־קאָמיסיעס זאָלן זיך באַטייליקן טוער פון אַלע ריכטונגען אויפן פּערסאָנאַלן פּרינציפּ.

דער געגנט־קאָמיטעט פון „יעקאָפּאָ" האָט בהסכם מיט די אויבנדערמאָנטע באַשלוסן געשאַפן אַ יתומים־אָפּטיילונג, וועלכע האָט פאַרוואַלטעט מיט דער גאַנצער אַרבעט אין ווילנער און נאָוואָגרודקער געגנט און האָט דורכגעפירט אין לעבן די אַלע אָנגעמערקטע פּראָבלעמען.

ספּעציעל אויף באַקאָנען זיך מיט די מאַטעריאַלן וועגן די איינצלנע יתומים און אָננעמען צום אַדאָפּטירן די באַטרעפנדע מלחמה־יתומים האָט „יעקאָפּאָ" אויסגעטיילט אַ קאָמיסיע פון הרב ר' חיים עוזר גראָדזענסקי, אהרן לאַנגבאַרט און

אליהו רודניצקי, מיט דער באַטייליקונג פון מ. שאַליט, מ. יעווזעראָוו און די באַפולמעכטיקטע.

די קאָמיסיע האָט געהאַט די אויפגאַבע צו באַשליסן וועגן יעדער איינציקער אַדאָפּטאַציע.

די ערשטע אַרבעט פון דער יתומים־אָפּטיילונג איז געווען דורכצופירן אַ גענויע אויספאָרשונג אין דער פּראָווינץ און פעסטצושטעלן די צאָל יתומים אין גאַנצן געגנט.

אויפן סמך פון דער אויספאָרשונג, וועלכע איז פאָרגעקומען אין ווילנער און נאָוואָגרודקער ראַיאָנען, און וועלכע האָט אַרומגענומען מער־ווייניק אַלע שטעטלעך פון אונזער געביט, איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז די אַלגעמיינע צאָל פון מלחמה־יתומים ביז 14 יאָר דערגרייכט 2108; פון זיי 1094 יינגלעך און 1014 מיידלעך. רונדע יתומים זיינען צווישן זיי געווען 388, אָן אַ פאָטער – 1698 און אָן אַ מוטער 22. לויטן עלטער זיינען זיי געווען פאַרטיילט אַזוי: ביז 6 יאָר 320 קינדער, פון 7 ביז 12 – 1605, און פון 13 ביז 14 יאָר–183.

דאָ דאַרף אונטערגעשטרייכט ווערן, אַז די אויספאָרשונג האָט אַרומגענומען נאָר די געגנטן פון ווילנע און נאָוואָגרודאָק–דאַגעגן איז די שטאָט ווילנע ניט אַריין אין חשבון.

צווייטנס, האָט די יתומים־אָפּטיילונג דורכגעפירט די גאַנצע אָרגאַניזאַטאָרישע אַרבעט אויף די ערטער, אין דער ערשטער ריי–די בילדונג פון די אָרטיקע יתומים־קאָמיסיעס, לויט די זעלבע פּרינציפּן, ווי די צענטראַלע אָפּטיילונג.

און, דריטנס, די גאָר וויכטיקסטע אַרבעט פון דער יתומים־אָפּטיילונג איז געווען צוצוטרעטן צו דער ממשותדיקער זייט פון דער אַקציע, דהיינו: דורכפירן די פּאַקטישע אַדאָפּטאַציע פון די קינדער און אַרויסגעבן זיי שטיצע.

צוליב דעם האָט די יתומים־אָפּטיילונג איבערגעגעבן אין רשות פון דער יתומים־קאָמיסיע דעם גאַנצן פאַקטישן מאַטעריאַל, וועלכער האָט זיך אָנגעזאַמלט פאַר דער צייט. די יתומים־קאָמיסיע האָט געהאַט 2–3 מאָל אין וואָך זיצונגען, אויף וועלכע עס זיינען אויסגעקליבן געוואָרן פון דער גרויסער צאָל פאַררעגיסטרירטע די מער נויטבאַדערפטיקע און געליטענע מלחמה־יתומים.

ליידער, האָט די יתומים־אַדאָפּטאַציע ניט געקאָנט אַרומנעמען, צו יענער צייט, אַלע מלחמה־יתומים. דער ד. ד. ק. האָט באַשטימט אין רשות פון געגנט קאָמיטעט־„יעקאָפּאָ“ 350 יתומים אויף דער ערשטער צייט. עס האָט זיך, אָבער, איינגעגעבן



צו פאַרגרעסערן די צאָל, אַזוי, אַז ביז אַווגוסט 1922, ד. ה. פאַרן משך פון 6 חדשים צייט בערך, זיינען אַדאָפּטירט געוואָרן און אונטערשטיצט 481 יתומים, פון זיי אין די פּראָווינציעלע אינטערנאַטן (נאָוואָגרודאָק, לידע, איוויע, אָשמענע) 89 יתומים און 392 יתומים פּריוואַט.

חוץ דער אויבנדערמאָנטער צאָל יתומים, וועלכע זיינען ווערבירט געוואָרן אין פּראָווינץ און אַדאָפּטירט געוואָרן דירעקט דורך דער יתומים־אָפּטיילונג, איז געווען נאָך אַ קאַטעגאָריע יתומים, די אַזוי גערופענע היימלאָזע און רעעמיגראַנטן־יתומים. די נפקא־מיניה איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס זיי זיינען לכתחילה ניט גענומען געוואָרן אין חשבון. זיי פלעגן אָנקומען טאָג־טעגלעך מיט די עשאַלאָנען פון רוסלאַנד און מען האָט ניט געקאָנט בנוגע זיי פאָראויסזאָגן ניט דעם ביודזשעט און ניט דעם פּלאַן פון אַרבעט. זיי זיינען דעריבער די ערשטע צייט, אַלס אויסנאַם, אַדאָפּטירט געוואָרן דורך דער היימלאָזע־אָפּטיילונג, – און אין אַ משך פון 3 חדשים צייט זיינען זיי אַריבערגעפירט געוואָרן אויף דער אויסהאַלטונג פון דער יתומים־קאָמיסיע, ד. ה. אויף אַ שטענדיקע אַדאָפּטאַציע צוגלייך מיט די איבעריקע יתומים. אַזעלכע יתומים זיינען געווען 69.

די אַרבעט האָט זיך אַנטוויקלט מיט אַ גיכן טעמפּ. אויספאָרשן און באַזאָרגן קרוב צו 500 יתומים אין אַ משך פון 6 – 7 חדשים איז געווען אַ גרויסע זאַך.

חוץ דער פאָרמעלער פאַרזאָרגונג האָט זיך געפאָדערט אַ קאָנטראָלירנדער אָרגאַן, וואָס זאָל אויף אַן אָרט פעסטשטעלן אויף וויפיל די אַדאָפּטאַציע ווערט געהעריק דורכגעפירט אין לעבן און ווי זי ווירקט אויף דעם מצב פון די יתומים. צוליב דעם ציל זיינען אָפּט אונטערגענומען געוואָרן רייזעס און באַזוכן פון די באַפולמעכטיקטע פון ד. ד. ק. און פון „יעקאָפּאָ“, ווי י. ווערניק, פּרוי סטופּעלכהן, א. קליאַנסקי, מ. אימיאַניטאָוו און י. וואַלק. פון צייט צו צייט האָבן אויך מיטגעהאָלפן די ה"ה י. איזראַעליט פון נאָוואָגרודאָק און ש. באָגין פון גלובאָקע. אויף אַזאַ אופן איז פעסטגעשטעלט און קאָנטראָלירט געוואָרן די אמתע לאַגע אויף די ערטער און פון די איינצלנע יתומים.

אַלס גענויע און קלאָרע אילוסטראַציע וועגן מצב פון די יתומים אין יענער צייט קענען דינען פאָלגנדיקע אויסצוגן פון באַריכטן, וואָס זיינען צוגעשטעלט געוואָרן דעם קאָמיטעט פון „יע-





קאָפּאָ“ פון די באַפולמעכטיקטע נאָך זייער אַ גענויער אויספאָרשונג פון דער לאַגע פון יעדן יתום באַזונדער.

1. מאָלאָדעטשנע. וו. ש. 8 יאָר, אַ גאַנצע יתומה. דער פאָטער איז אומגעקומען אויף מלחמה, די מוטער געשטאָרבן פון טיפוס. אַ קאַליקע אויף דער לינקער האַנט. האַלט זיך אויף ביי פרעמדע פערזאָנען, וואָס זייער באַשעפטיקונג איז אין מאָראַלישן פּרט אונטער אַ פראַגעצייכן. די יתומה קומט אָפּ מיט טרוקן ברויט. גייט איבער די הייזער. באַזוכט ניט קיין שול.

2. האָראָדאָק. גאַנצע יתומים. זאַלבעזיבעט. די עלטסטע אַ מיידל פון 17 יאָר און אַ יינגל פון 14 יאָר. די איינציקע „שפּייזערין“ איז די 17־יאָריקע מיידל. גייט אין דאָרף. פאַרדינט קוים אויף ברויט. ליידן כמעט הונגער. איין מאָל אין וואָך – שבת – עסט מען אַ שטיקל לונג און לעבער און דאָס אויך ניט צו זאַט.

די יתומים גייען נאַקעט און באָרוועס. אין שטוב איז נאַס (רינט פון דאַך) און קאַלט, דער אויוון איז צובראָכן. בעטגעוואַנט איז בצמצום. 4 קינדער שלאָפן אויף דער שטיינערנער פאָדלאָגע.

צוויי פון זיי ליידן אויף פאַוואוס. נאָר 1 קינד באַזוכט אַ חדר.

3. דעווענישעק. מ. און מ. ש. 10 און 13 יאָר אַלט. דער פאָטער איז געשטאָרבן פון פלעק־טיפוס. די מוטער איז בלינד. מיט דער בעל־הביתישקייט פאַרנעמט זיך די 13־יאָריקע מ. דער יינגל איז אַן אַלפאַבעט. די שטוב איז אַן איינגעפאַלענע און עס אוממעגלעך אין איר צו וואוינען.

די מיידעלע בעטלט אויס האָלץ אויף צו דערוואַרימען די איינגעפאַלענע „כאַטקע“. ליידן נויט און דחקות.

4. ראַדין. י. און א. פ. 9 און 12 יאָר אַלט. דער פאָטער איז געשטאָרבן אויף צוואַנגס־אַרבעט. די מוטער איז אַ כראָנישע קראַנקע. קען גאָר ניט טאָן. דער יינגערער יינגל איז קראַנק אויף טובערקולאָז, דער עלטערער – אַ דעפעקטיווער קינד.

האָבן ניט פון וואַנען אַ טאָג איבערצולעבן. די איינציקע שפּייז – ברויט און טיי מיט סאַכאַרין.

וואוינען אין אַ שטיבל ד' על ד'. אַ נידעריקע, אַ פינסטערע, מיט קליינע פענסטערלעך. אַבסאָלוט ניטאָ קיין בעטגעוואַנט. גייען נאַקעט און באָרוועס.

5. מיאָר. ה. און צ. ק. דער יינגל איז אַלט 11 יאָר און די מיידל–13. די מוטער איז טויט, געשטאָרבן פון הונגער. דער פאָטער איז בלינד. וואוינען מיט

צן אַלטער באָבן אין עזרת-נשים פון בית-המדרש. די משפחה איז פון דער מלחמה פולשטענדיק רואינירט געוואָרן. אַלע זיינען געשוואָלן פון הונגער. די קינדער קראַנק. דער יינגל לערנט זיך ביי אַ מלמד. צוליב זיין קראַנקן געזונטצושטאַנד איז די פעולה זייער אַ קליינע.

6. מיאָר. ח. י. ט. אַ גאַנצער יתום, 6 יאָר אַלט, וואוינט ביי אַן אָרעמען פעטער. עסט וואו עס מאַכט זיך. דער גאַנצער קאָפּ איז באַדעקט מיט פאַוואוס. דאָס קינד איז ניט געוואַשן און אומנאַטירלעך שמוציק, ער איז סקראָפוליאָז און דער גאַנצער קערפּער איז באַדעקט מיט געשווירן.

אָנגעטאָן האַלב-נאַקעט. האָט ניט קיין גאַנצע און ריינע העמד אויפן לייב.

7. דיסנע. ס. און י. ב. דער יתום איז אַלט 11 יאָר, די יתומה — 7. די מוטער שלעפּט זיך אַרום איבעך די דערבייאיקע דערפער און „האַנדלט" כלומרשט. די באָבע וואַשט פאָדלאָגעס. די „פּרנסה" קלעקט ניט אויף טרוקן ברויט. וואוינען אין אַ קליין קאַמערל פון אַ האַלב-איינגעפאַלענער שטיבל. דאָס מיידעלע האָט אויגן- און נאָז-קראַנקהייטן. דער יינגל לערנט זיך אין חדר. ניט האָבנדיק אויף זיך קיין השגחה, לויפט ער אַרום איבער די גאַסן. זייער פאַרטעמפּט געוואָרן. דער עלנט פון דער משפחה איז שרעקלעך גרויס.

8. לעבעדעווע. ע. פ. ס. ר. ש. 3 גאַנצע יתומים. 3, 9 און 12 יאָר אַלט. די עלטערן זיינען געשטאָרבן פון טיפוס און הונגער. די יתומים וואוינען צוזאַמען מיט אַן עלטערן ברודער אין אַ קהלשער שטוב, וואו חוץ זיי געפינען זיך נאָך 2 משפחות, איינע פון 4 פערזאָן און די צווייטע — 3 דערוואַקסענע, וואוינען אין אוממעגלעכע באַדינגונגען. די קינדער זיינען אויסגעדאַרטע, אויסגעהונגערטע, טעמפּ, דער אויסזען איז אַן אויסגעשפּראָכן דעגענעראַטיווער.

אָט דאָס איז דער בילד, וועלכער האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר די אויגן פון די באַפולמעכטיקטע. עס איז אויסגעקומען פיל איבערצובויען און אין אַנדערע ערטער אָנצוהויבן אַלץ פון אָנהויב.

און היות, ווי די גאַנצע אַרבעט האָט דאָך געטראָגן דעם שטעמפּל פון אַ התחלה, איז ניט געווען קיין מעגלעכקייט צו פונאַנדערוויקלען די יתומים-טעטיקייט אין איר גאַנצער ברייט. די צייט האָט אויך גורם געווען, אַז מען זאָל זיך באַגרעניצן מיט שפּייזן און באַקליידונג, ווי אויך מיט אַלגעמיינער בילדונג.

מלאכה האָבן זיך צו יענער צייט געלערנט נאָר 37 קינדער.



עס האָט געמוזט קומען אַ קאַרדינאַלע ענדערונג אין דער אַרבעט און וואָס גיכער.

די אָנגעווייטאָגטע פראַגע האָט געלייזט די בקרוב צוזאַמענגערופענע קאָנפערענץ פון „יעקאָפּאָ" מיט דער באַטייליקונג פון פאָרשטייער פון דער גאַנצער געגנט וועגן די מלחמה-יתומים און זייער פאַרזאָרגונג, וועלכע האָט זיך צונויפגעקליבן דער 26 סעפּטעמבער 1922 אין ווילנע.

## די יתומים-קאָנפערענץ.

די יתומים-קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען אין ווילנע דעם 26-טן סעפּטעמבער 1922 ביי דער באַטייליקונג פון 42 דעלעגאַטן פון ווילנער געגנט, עקזעקוטיוו-מיטגלידער פון „יעקאָפּאָ" און פאָרשטייער פון ד. ד. ק. און אַנדערע געזעלשאַפטן.

שוין פון די באַריכטן פון די ערטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די יתומים-אַרבעט האָט פאַראינטערעסירט די געזעלשאַפטלעכע טוער אויף דער פּראָווינץ, וועלכע גיבן זיך איר אַקטיוו אָפּ. עס האָט זיך אָבער געפילט אַ נויטיקייט אין פאַרפולקומונג: באַזאָרגן מערער קינדער און ווי אַמבעסטן דערפירן זיי צו אַ תכלית.

די תשובה האָבן געגעבן די פאָרטרעגער, וועלכע האָבן אַנטוויקלט אַ קלאָרן בילד פון דער קינפטיקער יתומים-אַרבעט.

אויף דער כמות פון דער ביז איצטיקער יתומים-אַדאָפּטאַציע האָט זיך אָפּגעשטעלט דער ערשטער רעפערענט מ. שאַליט. אויפן סמך פון פאַרשיידענע באַאַרבעטע טאַבעלן און ציפער האָט ער פאָרגעשטעלט אַ בילד פון דער צאָל שטעט, קינדער, אַרט פאַריתומטקייט, געשלעכט, אינטערנאַטן, פּריוואַטע אַדאָפּטאַציע וכדומה און פעסטגעשטעלט, אַז אין געגנט (ווילנער און נאָוואָגרודקער) געפינען זיך בערך 4000 יתומים, פון זיי ביי 2000 מלחמה-יתומים. נעמענדיק אין אַכט, אַז די שטעטלעך, ווי רואינירט זיי זאָלן ניט זיין, דאַרפן מיטהעלפן און אָנשטרענגען זיך צו ערפילן זייער אייגענע פליכט לגבי די יתומים, איז ער געקומען צום באַשלוס, אַז 1000, ד. ה. 50% פון זיי, דאַרפן באַזאָרגט ווערן דורך דעם ד. ד. ק. און די איבעריקע 1000 — דורך די שטעטלעך גופא. אַרויסגייענדיק פון דער הנחה, האָט נאָך דער ד. ד. ק. צו אַדאָפּטירן 500 יתומים.

דער ווייטערדיקער רעפערענט מ. יעווזעראָוו האָט גערעדט וועגן אופן פון דער אַדאָפּטאַציע. אַנאַליזירנדיק די ביז איצטיקע רעזולטאַטן פון דער פּריוואַ-





טער אַדאָפּטאַציע און אַדאָפּטירונג פו- די יתומים אין אַנשטאַלטן, איז ער געקומען צום באַשלוס, אַז דער אַנדער וועג איז וויכטיקער און ראַציאָנעלער פון ערשטן. אויף דעם סמך האָט ער פאָרגעשלאָגן צו אָרגאַניזירן נייע אינטערנאַטן אין צוויי פונקטן פון געגנט.

דער ווייט-גרעסטער טייל יתומים מוז, אָבער, בלייבן אַדאָפּטירט פּריוואַט, ווייל די מערהייט פונקטן זיינען קליינע, די געלט-מיטלען באַגרעניצטע און די באַפעלקערונג אויסגעשעפּט און פאַראָרימט.

אַ וויכטיקן אָרט האָט פאַרנומען די פראַגע וועגן מעדיצינישע הילף פאַר די יתומים און פיזישער דערציאונג. די פראַגן זיינען געווען געווידמעט צוויי רעפעראַטן פון די דאָקטוירים י. ראַפּעס און ל. חייט.

דער ערשטער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף דער לאַגע פון די קינדער, וועלכע זיינען גרעסטנטייל אין אַ שווערן פיזישן צושטאַנד, שוואַך און בלוט-אָרים, בלייך און מאָגער, פיזיש און גייסטיק דערשלאָגן. די מעדיצינישע אויפזיכט דאַרף דאָ אַמשטאַרקסטן זאָגן איר וואָרט.

אין די אינטערנאַטן מוז פאַרן דאָקטאָר צוגלייך מיטן פּעדאַגאָג באַוואָרנט ווערן די השפּעה אויף דעם גאַנצן לעבן פון די קינדער, ניט ריידנדיק שוין וועגן באַקעמפן די אָנשטעקנדיקע און היילן געוויינלעכע און שאַרפע כראָנישע קראַנקייטן, באַזייטיקן פעלערן און שוואַכקייטן.

אַ שווערע אויפגאַבע איז מיט די קינדער פּריוואַט-אַדאָפּטירטע סיי ביי פרעמדע סיי ביי די קרובים. מען דאַרף זיך דאָ אָפּגעבן ניט נאָר מיטן יתום, נאָר אויך האָבן אַן אויג אויף די דערוואַקסענע, צווישן וועלכע דער יתום געפינט זיך. דאָס איז שוין פיל שווערער און פאַראַנטוואָרטלעכער. דער דאָקטאָר דאַרף צוליב דעם מאַכן אָפטע באַזוכונגען אין די הייזער, כדי צו דער צייט צו פאַרכאַפּן די קראַנקייט.

אַ באַזונדערס וויכטיקע ראָל דאַרף שפּילן דער דאָקטאָר אין פאַרהיטן דאָס געזונט פון גייסט פון די יתומים, ד. ה. אין זאָרגן וועגן זייער נאָרמאַלער גייסטיקער אַנטוויקלונג. עס דאַרף געלייגט ווערן אַכט אויף די אָפּגעשטאַנענע, אַזוי גערופענע דעפעקטיווע קינדער. עס ליגט אַ ספּעציעלער חוב אויף דער געזעל- צו העלפן די אומנאָרמאַלע יתומים, וואָס די שפּורן פון זייער אומנאָרמאַלקייט דאַרף מען זוכן דירעקט אין די מלחמה-געשעענישן.

צום סוף וואַרפט ער אָן אַ ריי פאָרשלאָגן, וואָס זאָלן דערמעגלעכן דורכצופירן אין לעבן די אויבנדערמאָנטע נויט-

יוגנדיקייטן, ווי שאַפן אַ דאָקטוירים-אינספּעקטאָריאַט צו אינסטרואירן און קאָנטראָלירן די אַרבעט אויפן געביט פון געזונט-פאַרהיטונג און גרינדן אַן עקספּערימענטאַל-פּסיכאָלאָגישן קאַבינעט צום אויספאָרשן אין גייסטיקן זין די יתומים און אָפּקלייבן פון זיי די אָפּגעשטאַנענע און דעפעקטיווע, פאַר וועלכע עס דאַרף ווערן געשאַפן אין ווילנע אַ ספּעציעלע שול.

דער צווייטער רעפערענט האָט זיך אָפּגעשטעלט דער עיקר אויף דער פיזישער אַנטוויקלונג פון די קינדער, וועלכע זאָל שטאַרקן זיי קערפּערלעך און האָט פאָרגעלייגט פאַרשיידענע מיטלען אויף דורכצופירן אין לעבן די אָנגעמערקטע צילן.

ווייטער איז ברייט אַרומגערעדט געוואָרן די פראַגע וועגן מלאכה. דער רעפערענט ה׳ י. יאַשונסקי האָט אָנגעמערקט אַ גענויעם פּראָיעקט, ווי אַזוי די פאַך-בילדונג פאַר די קינדער דאַרף געפירט ווערן, כדי זי זאָל דערגרייכן איר צוועק. בדרך כלל וואָלט מען געקענט אָננעמען, אַז אַלע קינדער דאַרפן איינגעאָרדנט ווערן אין פאַך-שולן. דאָס וואָלט גרינטלעך געלייזט די פראַגע הן בנוגע דער קענטעניש אין פאַך והן פון געזעלשאַפטלעכן שטאַנדפּונקט.

אויף אויסצוהאַלטן פאַך-שולן זיינען אָבער נויטיק גרויסע מיטלען און עפּענען קען מען זיי נאָר אין גרעסערע שטעט. נעמענדיק אין אַכט, אַז די צאָל יתומים איז אַ גרויסע און דאָס רוב זיינען זיי צוואָרפן אין קליינע שטעטלעך און אין יעדער שטעטל איז ניטאָ קיין מערערע צאָל קינדער אין פאַך-בילדונג-עלטער, — איז דער רעפערענט געקומען צום באַשלוס, אַז צוועקמעסיקער איז שאַפן פאַר די יתומים צוגרייטונגס-שולן און פּאַטראָנאַטן, און לערן-וואַרשטאַטן ביי די אינטערנאַטן.

די צוגרייטונגס-שול גיט די התחלה פון דער אַרבעט און באַקאַנט די קינדער אין משך פון 1 יאָר צייט מיט די ריכטיקע אופנים פון דער אַרבעט. נאָכדעם וועלן זיי פאַרענדיקן זייערע אויסבילדונג אין פּריוואַטע וואַרשטאַטן. אַזוינע צוגרייטונגס-שולן דאַרפן זיך קאָנצענטרירן אין די גרעסערע פּונקטן פון פּראָווינץ. אַזאַ שול שלינגט ניט איין קיין סך געלט און זי איז צוטריטלעך פאַר אַ גרעסערע צאָל שטעט.

די פּאַטראָנאַטן דאַרפן געגרינדעט ווערן דאָרט, וואו עס זיינען פאַראַן לערן-יינגלעך ביי פּריוואַטע בעלי-מלאכות. די פּאַטראָנאַטן גיבן דער עיקר השגחה אויף די קינדער, אַז זיי זאָלן ניט אויסגע-



נוצט ווערן אויף אַנדערע צוועקן און אָרדנען אויך איין פאַר זיי אָוונט-קורסן.

דער רעפעראַט האָט אַרויסגערופן לעבעדיקע וויכּוחים. די וויכטיקייט פון דער פאַך-בילדונג איז שוין אין יענער צייט, ביים אָנהויב פון דער גרעסערער יתומים-אַרבעט, געווען אויף אַזוי פיל אָנערקענט, אַז פון איר איז געווען אָפּהענגיק דער ערפאָלג אָדער אומערפאָלג פון דער יתומים-פאַרזאָרגונג. מיט דעם האָט עס אַ זין, אָן דעם איז עס צייטווייליק, אומפּראָדוקטיוו און אָן אַ ווייטערן צוועק. די קאָנפערענץ האָט קלאָרער פאָרמולירט די אויפגאַבן און די אַרבעט האָט זיך שטאַרק אַ רוק געטאָן פאָראויס.

דער ווייטערדיקער רעפערענט א. קליאָנסקי האָט אין זיין רעפעראַט וועגן די מלחמה-אלמנות אַנטוויקלט דעם געדאַנק, אַז אין דער יתומים-אַרבעט דאַרף אָפטמאָל זיין דער אָביעקט פון אַדאָפּטירונג ניט דער יתום נאָר די אלמנה. אויפן סמך פון ביישפּילן קומט ער צום אויספיר, אַז ס׳זאָל אַרויסגעגעבן ווערן אַן איינמאָליקע גרעסערע סומע דער אלמנה, וואָס זאָל איר געבן די מעגלעכקייט פאַרדינען פאַר זיך און דערנערן דערמיט אירע יתומים.

צום סוף האָט מ. שאַליט געלייענט אַ רעפעראַט וועגן דער אָרגאַניזאַציע פון דער יתומים-פאַרזאָרגונג און ביודזשעט-פראַגן.

אַרויסגייענדיק פון דער הנחה, אַז די יתומים-אַרבעט דאַרף אַריינציען אַלץ מער די אָרטיקע באַפעלקערונג, לייגט ער פאָר, אַז אין יעדער שטאָט אָדער שטעטל זאָל זיך די יתומים-קאָמיסיע פאַרנעמען ניט נאָר מיט די אַדאָפּטירטע יתומים, נאָר אויך מיט אַלע יתומים. די אָרטיקע געזעלשאַפט מוז זיך באַטייליקן אין דער פאַרזאָרגונג פון די יתומים אָרגאַניזאַציאָנעל און מאַטעריעל.

וואָס איז שייך דעם ביודזשעט איז פאָרגעלייגט געוואָרן דורך אים אַן ענדערונג אין דער ביז-איצטיקער פּראַקטיק פון ד. ד. ק., דהיינו: דער ד. ד. ק. זאָל זיך אָפּזאָגן פון דער פּער-קאָפּ-פאַרזאָרגונג און זאָל אַריבערגיין צו דער סיסטעם פון ביודזשעטן. דאָס וואָלט געגעבן די געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס מער איניציאַטיוו אין דער אַרבעט. אַלנפאַלס, דאַרף די געזעלשאַפט זיין פאַרזיכערט דורכן ד. ד. ק., אַז די יתומים-אַרבעט איז אויסגערעכנט אויף אַ פעסט-באַשטימטער צייט, כדי עס זאָל זיין מעגלעך אויפצוטאָן עפּעס ממשותדיקס.

די קאָנפערענץ האָט אַלע פראַגן זייער גרינטלעך באַהאַנדלט. די געגנוואַרט פון פאָרשטייער פון ד. ד. ק. ה׳ שאַהאַן,





פאַרוואַלטער פון דעם יתומים-דעפּאַרטאַמענט פון ד. ד. ק. אין פּוילן, האָט אויך מיטגעהאָלפן צו דער פּרוכטבאַרקייט פון דער קאָנפערענץ. דער גאַנצער מאַטעריאַל איז גענוי באַאַרבעט און אַנאַליזירט געוואָרן. אין גרעסטן מאָס זיינען אַלע פאָרשלאָגן און אויפטוען דורכגעפירט געוואָרן אין לעבן, ווי עס איז צו זען פון די ווייטערדיקע קאַפּיטלען.

## נאָך דער קאָנפערענץ.

ביסלעכווייז האָבן זיך גענומען מערקן די רעזולטאַטן פון דער יתומים-קאָנפערענץ. די יתומים-אַרבעט האָט זיך אַלץ מער אַנטוויקלט און עס זיינען פאַרווירקלעכט געוואָרן די פּלענער און אָנגעמערקטע פּראָיעקטן.

דעם 19 אָקטאָבער און 28 נאָוועמבער 1922 זיינען פונאַנדערגעשיקט געוואָרן צירקולאַרן דורך דער צענטראַלער יתומים-אָפּטיילונג ביים געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ״ וועגן ענינים פון איבער-רעגיסטראַציע און אָרגאַניזאַציאָנעלער איבערבויאונג פון דער ביז-איצטיקער אַרבעט.

דעם 20 דעצעמבער 1922 איז פאָרגעקומען אַ זיצונג פון דער יתומים-אָפּטיילונג וועגן דער ווייטערדיקער אַדאָפּטאַציע. ס׳איז פאַרגרעסערט געוואָרן די צאָל אַדאָפּטירטע יתומים מיט נאָך 200, ס״ה מיט די פריערדיקע 485 און 69 היימלאָזע-יתומים האָט די צאָל דערגרייכט 754. ס׳זיינען אָנגעמערקט געוואָרן די פּונקטן, וואו ס׳דאַרפן געשיקט ווערן די ניי-אַדאָפּטירטע 200 יתומים.

ווייטער איז אויף דער זיצונג באַטראַכט געוואָרן די פראַגע וועגן אָנטייל פון דער געזעלשאַפט אין דער שטיצע פאַר יתומים און ס׳זיינען דערביי אָנגענומען געוואָרן קאָנקרעטע מיטלען.

די רעזאָלוציע וועגן דער פראַגע זאָגט:
„אין דער ערשטער ריי (די אַדאָפּטאַציע) ווערן גענומען אין באַטראַכט די פּונקטן, וואו ביי גלייכע באַדינגונגען פון נויטבאַדערפטיקייט, קומט די אָרטיקע באַפעלקערונג אַליין צו הילף דער יתומים-אַקציע, אַריינטראָגנדיק איר טייל לטובת די אַדאָפּטירטע יתומים. די יתומים-קאָמיסיע דאַרף האָבן איר אויפזיכט ניט נאָר איבער די אַדאָפּטירטע מלחמה-יתומים, נאָר איבער אַלע נויטבאַדערפטיקע יתומים פון געגעבענעם פּונקט״.

נאָך בולטער איז די נייע אויפגאַבע קאָנקרעטיזירט געוואָרן אין צירקולאַר-בריוו פון 27 דעצעמבער 1922 צו אַלע הילפס-קאָמיטעטן און קהילות, אין וועלכן עס ווערט געזאָגט, אַז „אַדאָפּטירן מלחמה-יתומים קענען מיר נאָר אין די פּונקטן, וואו די אָרטיקע באַפעלקערונג קומט

אַליין צו הילף דער יתומים-אַקציע. אויב איר וועט אויף זיך ניט נעמען די פולע ערפילונג פון די פאַרשלאָגן, בתוכם די אויסהאַלטונג אויפן אייגענעם חשבון פון אַ מינימאַלער צאָל יתומים, וועלן מיר, ליידער, זיין געצוואונגען ניט אַדאָפּטירן ביי אייך די מלחמה-יתומים, אַריבערטראָגנדיק די אַקציע אין די נויטבאַדערפטיקע פונקטן, וואו די אָרטיקע באַפעלקערונג וועט אַרויסווייזן אַן אייגענע איניציאַטיוו און אינטערעס צו דער יתומים-אַקציע הן מאַטעריעל והן גייסטיק".

זעלבסטפאַרשטענדלעך, איז די האַרבקייט פון די פאָדערונגען אָנגעווענדעט געוואָרן בנוגע די מאַטעריעל-שטייפערע פונקטן, דאַגעגן זיינען די פונקטן עקאָנאָמיש-שוואַכערע, באַפרייט געוואָרן פון דער צוזי-גערופענער „צוואַנג"-אַדאָפּטאַציע. אין מאָראַלישן זין האָט עס, אָבער, שטאַרק געווירקט, אַז כּיל פונקטן זאָלן דורכפירן די אַקציע, לויט די פאָדערונגען פון דער יתומים-אָפּטיילונג און מיט דער נויטיקער געזעלשאַפטלעכער פאַרשטענדניש.

צום סוף פון דער זיצונג פון דער יתומים-אָפּטיילונג זיינען אָנגענומען געוואָרן נאָך אַ ריי באַשלוסן וועגן דער אָרגאַניזירונג פון אייגענע מיטלען און צוציאונג פון דער געזעלשאַפט צו דער אַרבעט, ווי אויך וועגן אַ ספּעציעלער געלט-זאַמלונג לטובת די יתומים.

די צענטראַלע יתומים-קאָמיסיע אָדער יתומים-אָפּטיילונג איז געוואָרן אַ שטענדיקער אָרגאַן ביי דער עקזעקוטיווע פון „יעקאָפּאָ" און אין אים זיינען אַריין פאָלגנדע פּערזאָנען: הרב ר' חיים עוזר גראָדזענסקי, מ. שאַליט, א. לאַנגבאָרט, א. רודניצקי, מ. יעווזעראָוו, א. קליאָנסקי און מ. אימיאַניטאָוו. די לעצטע צוויי אַלס באַפולמעכטיקטע פאַר דער פּראָווינץ.

די אַרבעט איז זיך פונאַנדערגעוואַקסן און האָט זיך שטאַרק אַנטוויקלט. ס'לוינט זיך אָפּצושטעלן אויף יעדן געביט באַזונדער.

א.

## פאַך-בילדונג.

ניט וועגן דער נוצלעכקייט פון דעם וויכטיקן, אויב ניט וויכטיקסטן, צווייג פון דער יתומים-אַרבעט ווילן מיר דאָ ריידן, נאָר וועגן דעם אויפטו גופא און זיינע רעזולטאַטן.

די פאַך-לימודים זיינען אין אַלגעמיין גענומען אין דער טעטיקייט פון „יעקאָפּאָ" קיין נייס ניט געווען. צו דער צייט פון דער יתומים-קאָנפערענץ זיינען שוין געווען איינגעאָרדנט ביי פאַרשיידענע פאַכן 37 קינדער. אויך אין דעם צענטראַלן אינטערנאַט און אין די אינטערנאַטן פון „יעקאָפּאָ" אין דער



קינדער, וואָס זיינען געבראַכט געוואָרן דורך „יעקאָפּאָ" פון פּראָווינץ קיין ווילנע, אויסצובילדן זיי ביי אַ פאַך אין פּראָפעסיאָנעלע שולן און פּריוואַטע מייסטערס.
(אינמיטן—פיר מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע און יתומים-אָפּטיילונג פון „יעקאָפּאָ").

פּראָווינץ האָבן זיך אַ טייל קינדער געלערנט מלאָכה.

די דאָזיקע אַרבעט, אָבער, האָט געטראָגן דעם כאַראַקטער פון צופעליקייטן. מער עקספּערימענט ווי סיסטעם. און אַז מען זאָל צוגעבן די גרויסע צאָל אַדאָפּטירטע קינדער, וועט זיין בולט, אַז די צאָל פאַך-קינדער איז געווען אַ קליינע. עס האָט זיך אַלזאָ געשטעלט די אויפגאַבע וועגן אַ קאָנצענטרירונג פון דער אויפמערקזאַמקייט אויף די פאַך-לימודים, אָנהויבן די אַרבעט אויפן ברייטן מאַסשטאַב און אַריינציען אין איר אַלע קינדער, פיזיש-געזונטע, אין עלטער פון 13—14 יאָר.

דעם 5-טן מערץ 1923 איז אַרויסגעשיקט געוואָרן דער געהעריקער צירקולאַר וועגן פאַך-בילדונג, וואו עס איז פאָרגעלייגט געוואָרן דער יתומים-קאָמיסיע צונויפצושטעלן די רשימות פון די יתומים, וועלכע זיינען פּאַסיק צו פאַך-בילדונג.

מיט 2 וועגן איז אויסגעקומען צו פאַרווירקלעכן דעם דאָזיקן ציל: איינאָרדענען די קינדער אין לערן-וואַרשטאַטן און ביי פּריוואַטע בעלי-מלאכות. דאָס געוואונטשנסטע איז געווען איינאָרדענען די קינדער אין די לערן-וואַרשטאַטן און פאַך-שולן. עס איז אָבער ניט געווען אַזאַ מעגלעכקייט, הן צוליב

דער קנאַפּער צאָל פאַך-שולן והן צוליב די גרויסע געלט-קאָסטן. מען האָט דעריבער געמוזט אַ גרויסן טייל קינדער איינאָרדענען פּריוואַט אין זייערע שטעטלעך אָדער אין ווילנע.*) אָבער, דערביי, איז געשטעלט געוואָרן דער אומבאַדינגטער תּנאי, אַז די יתומים-קאָמיסיעס אויף די ערטער זאָלן שליסן פעסטע קאָנטראַקטן מיט די האַנטווערקער, און זאָלן האַלטן אונטער זייער השגחה אי די קינדער, אי די בעלי-מלאכות, אַז די לעצטע זאָלן זיי בעוויסנהאַפט לערנען דעם פאַך און ניט באַנוצן אויף אַנדערע אַרבעטן.

### I. פ אַ ך-ש ו ל ן.

אין משך פון דער אַרבעט האָט „יעקאָפּאָ“ איינגעאָרדנט די יתומים אין פאַרשיידענע צייטן אין פאָלגנדע פאַך-שולן אין ווילנע און פּראָווינץ:

1. „הילף דורך אַרבעט“ — ווילנע. די פּראָפעסיעס זיינען געווען פאָלגנדע: סטאָליעריי, מענער- און דאַמען-שניידעריי, האַפטעריי, וועשנייטעריי און מאַלעריי.
2. וואַרשטאַט פון „אָרט“ — ווילנע. פּראָפעסיעס: סטאָליעריי און שלאָסעריי.
3. וואַרשטאַט פון „יעקאָפּאָ“—ווילנע. פּראָפעסיע: שוסטעריי. וועגן דעם דאָזיקן וואַרשטאַט, וועלכער איז געווען ביים אינטערנאַט אויף אַנטאָקאָל, האָבן מיר שוין ברייטער געשריבן אויבן.
4. וואַרשטאַטן פון „יעקאָפּאָ“, שפּעטער „אָרט“ — אָשמענע. פּראָפעסיעס: דאַמען- און מענער-שניידעריי, שטעפּעריי און שוסטעריי.
5. וואַרשטאַט פון „יעקאָפּאָ“ און „אָרט“—סמאָרגאָן. פּראָפעסיע: סטאָליעריי.
6. וואַרשטאַטן פון „אָרט“—גלובאָקע. פּראָפעסיעס: דאַמען- און מענער-שניידעריי, שטעפּעריי און שוסטעריי.
7. וואַרשטאַט פון „אָרט“—לידע. פּראָפעסיע: סטאָליעריי.

### II. פּ ר י ו ו אַ ט.

צו פּריוואַטע בעלי-מלאכות האָט „יעקאָפּאָ“ אָפּגעגעבן די איבעריקע יתומים, וועלכע עס איז געווען ניט מעגלעך איינצואָרדענען אין פאַך-שולן צוליב מאַנגל אין אָרט אָדער צוליב אַנדערע סיבות.

דערביי דאַרף פאַרצייכנט ווערן, אַז „יעקאָפּאָ“ האָט אויך דאָ זיך באַמיט איינצואָרדענען די קינדער אַזוי, אַז זיי זאָלן דערלערנען זייער פאַך מיט מאַקסימום נוצן און גרינטלעכקייט.

פאַר קיינעם איז קיין סוד ניט, אַז אין די קליינע שטעטלעך ווערט

*) מיר ווילן באַמערקן, אַז וואו נאָר עס וועט זיך ריידן וועגן די קינדער איינגעאָרדנטע אין ווילנע, מיינט מען עס די פּ ר אָ ו ו י נ צ י-עלע קינדער, וועלכע זיינען איבערגעפירט געוואָרן פון דאָרט קיין ווילנע.



אַלץ ווייניקער און ווייניקער דער בעל-מלאכה דער ספּעציאַליסט, זיין אָרט פאַרנעמט אַלץ מער דער איינפאַכער בעל-מלאכה, וואָס קען ניט געבן די געהעריקע אויסבילדונג זיינע לערן-ייִנגלעך. רעכענענדיק זיך מיט דער לאַגע, האָט „יעקאָפּאָ“ אָנגעווענדט אַלע מיטלען איינצואָרדענען, חוץ אין די פאַך-שולן, אויך אַ געוויסע צאָל קינדער ביי פּריוואַטע בעלי-מלאכות אין ווילנע. דאָס איז, פאַרשטייט זיך, געווען פאַרבונדן מיט גרויסע הוצאות, לגבי די קאָסטן, וואָס מען וואָלט געהאַט, ווען מען וואָלט די קינדער איבערגעלאָזן אין זייערע שטעטלעך ביי די אָרטיקע בעלי-מלאכות.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז ניט צו אַלע קינדער האָט געקענט אָנגעווענדט ווערן דער זעלבער מאָדוס, אָבער די מ אַ ק ס י מ אַ ל ע מעגלעכקייטן זיינען דורך „יעקאָפּאָ“ אויסגענוצט געוואָרן. אַ היפּשע צאָל קינדער זיינען אַרויסגענומען געוואָרן פון די קליינע שטעטלעך און איינגעאָרדנט געוואָרן אין ווילנע ביי די אָרטיקע בעסערע פּריוואַטע בעלי-מלאָכות, וואו זיי האָבן זיך אויסגעבילדעט פאַר קענער אין זייער פאַך.

פיל קינדער האָבן שוין זוכה געווען דורכצומאַכן דעם פולן קורס פון די לימודים און זיינען דערוואַקסענע בעלי-מלאָכות. ענדיקנדיק זייער פאַך-בילדונג האָבן זיי זיך איינגעאָרדנט אַלס אַרבעטער אין פּריוואַטע וואַרשטאַטן אָדער זעלבסטשטענדיק און זיינען געוואָרן אימשטאַנד צו דערנערן זיך און אויך אָפּשפּאָרן אויף אַ מלבוש. זיי זיינען שוין אויף דעם אופן אַרויס פון אונטער דער געזעלשאַפטלעכער שוץ און געוואָרן לייטן גלייך.

אַ גרויסער טייל קינדער לערנען נאָך אין יאָר 1926 פאַכן, הן אין די וואַרשטאַט-שולן והן ביי פּריוואַטע בעלי-מלאָכות. בכלל געפינט זיך די פאַך-איינאָרדנונג פון די יתומים אין אַ דינאַמישן צושטאַנד. די יתומים-אַרבעט איז פאַרלויפיק אין פולן ברען. עס ווערן צוגענומען און אַדאָפּטירט נייע יתומים. די אַלטע וואַקסן אונטער, ווערן פוליעריק און נויטיקן זיך אין פאַך-בילדונג; זיי אַלע ווערן איינגעאָרדנט, לויט די כּללים, וועלכע זיינען אויבן געשילדערט געוואָרן.

חוץ די פאַך-לימודים לערנען די יתומים אַלגעמיינע לימודים. אַלע לערן-ייִנגלעך אָן אויסנאַם, הן אין ווילנע והן אין פּראָווינץ, באַזוכן אָוונט-שולן, און דאָרט וואו אַזוינע זיינען ניטאָ, לערנען זיי זיך ביי פּריוואַטע לערער. אויף די אַלגעמיינע לימודים ווערט דורך „יעקאָפּאָ“ אַסיגנירט ספּעציעלע סומען.





ווי געזאָגט, ווערן געשלאָסן קאָנטראַקטן מיט די בעלי-מלאכות וועגן די לערן-ייִנגלעך. די בעלי-מלאכות באַקומען אַ געוויסע סומע געלט פאַר די לימודים, דאַגעגן ווערט אין די לער-וואַרשטאַטן געצאָלט אַ מאָנאַטלעכער אָפּצאָל.

אַ טייל קינדער, ביים ענדיקן דעם פאַך, ווען זיי ווערן זעלבסטשטענדיקע בעלי-מלאכות (ניט אַרבעטנדיק ביי אַ צווייטן), באַקומען אין „יעקאָפּאָ“ די נויטיקע מכשירים (ניי-מאַשינעס, שלאָסער- און סטאָליער-געצייג).

די קינדער, וועלכע האָבן באַקומען זייער אויסבילדונג אין וו י ל נ ע, זיינען באַזאָרגט געוואָרן ניט נאָר מיט עסן, קליידונג און שוכונג, נאָר אויך מיט שטוביקע זאַכן (בעט, דעקע, וועש וכדומה) און דירה, באַהייצונג און באַלייכטונג. עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז די אַלע קינדער האָבן זיך געפונען אונטער דער פולשטענדיקער השגחה פון „יעקאָפּאָ“, וועלכע האָט זייער אָפּט אַכטונג געגעבן אויף זייער פּריוואַט-לעבן און אויפפירונג.

פון צייט צו צייט פלעגן איינגעלאַדן ווערן די בעלי-מלאָכות, מיט וועלכע מען פלעגט זיך דורכריידן וועגן די קינדער, וועגן זייער ערפאָלג און באַנעמען זיך צו דער אַרבעט. עס פלעגט ניט איינמאָל אויסקומען צו ערליידיקן סכסוכים צווישן די בעלי-מלאכות און זייערע לערן-ייִנגלעך.

וואָס אָנבאַלאַנגט די פאַך-שולן פלעגט מען אָפּט אַרויספאָדערן פון דאָרט די שריפטלעכע מיינונגען פון די פּעדאַגאָגישע ראַטן.

אין די פּריוואַטע געשפּרעכן מיט די לערער און פאַרוואַלטערס פון די שולן האָבן זיך די לעצטע אָפּגערופן מיט גרויס צופרידנהייט וועגן די פּעולות פון די קינדער-יתומים.

---

די פאַך-בילדונג האָט געפונען אַ טיפן אָפּקלאַנג אין דער פּראָווינץ. די הילפס-קאָמיטעטן און יתומים-קאָמיסיעס האָבן מיט דאַנקבאַרקייט אָנערקענט די וויכטיקע דערגרייכונגען און האָבן ביי יעדער געלעגנהייט אָפּגעשאַצט די באַפרידיקנדע רעזולטאַטן.

די אַרבעט האָט אַריבערגעשטיגן אַלע דערוואַרטונגען.

## ב.

## שול-בילדונג און דערציאונג.

אויך אויף דעם געביט איז דערגרייכט געוואָרן אַ גאַנצקייט. די שטרעבונג צו דער פאַרפולקומונג פון דער אויבנדערמאָנטער פּראָבלעם האָט צו טאָן די-

רעקט מיט די רעזולטאַטן פון דער
יתומים=קאָנפערענץ. אין אַלע צייטן פון
דער יתומים=אַרבעט, זינט איר אַנטשטיי=
אונג, איז שוין דורך „יעקאָפּאָ“ אָנגע=
פירט געוואָרן, אַזוי צו זאָגן, אַ קאַמף
מיט דער עם=הארצות,—די ביטערע נאָכ=
ווייענישן און שמערצלעכע רעזולטאַטן
פון דער מלחמה און מהומות.

בשעת אין שטוב איז קיין ברויט ניט
געווען,—איז בלי=ספק די דערציאונג פון
די קינדער געווען נאָך מער, ווי אַ לוק=
סוס=זאַך. אין דער הינזיכט איז די שול=
בילדונג געווען אויפן ערשטן פייער.
אויב דאָס האָט זיך געמערקט ביי אַלע
קינדער — קינדער פון טאַטע=מאַמע,
אַ פשיטא שוין ביי קינדער פאַרוואָגלטע
און פאַרלאָזענע, אָן טאַטע=מאַמע, אָן
קרוב און גואל.

ציט זיך טאַקע דורך, ווי אַ רויטער
פאָדים, אין דער טעטיקייט פון „יעקאָפּאָ“
דאָס שטענדיקע פאַרקניפּן און פאַרבינדן
די דערנערונגס=פראגע מיטן דערציאונגס=
פּראָבלעם.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז ניט אַלע
מאָל און ניט אין אַלע צייטן איז גע=
שטאַנען די אַרבעט אויף איין=און=דער=
זעלבער מדרגה. עס איז פאַראַן צו פאַר=
צייכענען אַ סך אָפּווענדונגען און אָפּניי=
ניגונגען, בהסכם מיט די באַדינגונגען
און איבערלעבענישן פון דער צייט. צום
עיקר=ציל האָט מען דערגרייכט מיט
אַ בהדרגהדיקן אויסגערעכנטן פּלאַן, אַזוי
אַז די צייטן פון נאָך דער קאָנפערענץ
קענען כאַראַקטעריזירט ווערן מיט דער
דערגרייכטער, — אויפן דערציאונגס= און
בילדונגס=געביט,—שלמות.

די פּאָר=שול=בילדונג האָט גע=
פונען איר אויסדרוק נאָר אין די אינ=
טערנאַטן. שוין ניט ריידנדיק וועגן צענט=
ראַלן אינטערנאַט פון „יעקאָפּאָ“ אין
ווילנע, וואו די פּאָר=שול=בילדונג איז
געווען אַמבעסטן אַוועקגעשטעלט, איז
אויך אין די איבעריקע אינטערנאַטן פון
דער פּראָווינץ געווען געווידמעט דער
אַרבעט גרויס אויפמערקזאַמקייט. די קינ=
דער האָבן זיך געפונען אונטער דער
אויפזיכט פון געניטע פּעדאַגאָגינס, וועל=
כע האָבן מיט די קינדער פאַרבראַכט
עטלעכע שעה אין טאָג, דורכמאַכנדיק
אַ קורס פון אַלערליי שפּילערייען, האַנט=
אַרבעט, פלעכטעריי, דערציילונגען און
פיזישע איבונגען.

די שול=בילדונג האָט געפונען איר
פאַרענטפערונג אין די פאַרשיידענע טיפּן
פאָלקס=שולן, וועלכע עקזיסטירן אין דער
פּראָווינץ. אין דער הינזיכט איז געווען
אַ ברייטע פעלד פאַר אַרבעט. עס איז
דערביי צו באַוואונדערן דעם אייגנאַר=
טיקן האַרמאָנישן צוזאַמענלעבן פון
אַלע שאַטירונגען. עס איז פולשטענדיק
אויסגעמיטן געוואָרן דער שפּראַכן=קאַמף.
יעדע קהילה און יתומים=קאָמיטעט האָט
געהאַט אַ פולשטענדיקע אַווטאָנאָמיע אין
איר אַרבעט און האָט געהאַט רעכט אָפּ=
צוגעבן די קינדער אין וועלכער שול זיי
האָבן געפונען פאַר נויטיק. און אַזוי
זעען מיר די יתומים צוואָרפן אין די
פאָלקס=שולן פון דער יידישער שול=
אָרגאַניזאַציע און „תרבות“, ווי אויך
אין די רעליגיעז=נאַציאָנאַלע שולן, חדרים
און תלמוד=תורות.

ווען מיר וועלן אונטערפירן די אונ=
טערשטע שורה, וועלן זיך באַקומען צי=
פער, וועלכע שטעלן פעסט, אַז די גרעס=
טע מערהייט פון די קינדער האָבן באַ=
קומען זייער אויסבילדונג אין די יידישע
און העברעאישע וועלטלעכע שולן און
נאָר אַ קלענערער טייל האָט באַזוכט די
רעליגיעזע. דאָס האָט אָבער צו טאָן מיטן
פולשטענדיקן אויסדרוק פון ווילן פון די
אָרטיקע יתומים = קאָמיטעטן און בשום
אופן ניט מיט אַ וועלכן ניט איז צוואַנג
פון דער צענטראַלע. עס איז פאַראַן
איין פאַל, ווען אויך די צענטראַלע האָט
געזאָגט איר וואָרט: דאָס איז דער פאַל,
ווען עס איז אָנגענומען געוואָרן דער
באַשלוס, אַז אין אַלע שולן מוז זיין
אַ מינימום=לימוד פון יידיש און העב=
רעאיש.

אויב די צענטראַלע האָט זיך ניט גע=
מישט אין די, אַזוי צו זאָגן, אינערלעכע
לימודים=פאָרמען פון דער שול האָט זי,



אינטערנאַט אין אָשמענע (אויסערלעכער אויסזען, פון גאַס).
ז. זייטן 229—131



אינטערנאַט אין אָשמענע (אויסערלעכער אויסזען, פון הויף,
מיטן שפּיל=פּלאַץ און גאָרטן) ז. זייטן 229—231.

אָבער, אויסגעווירקט איר גאַנצע השפעה אויף דעם, אַז די עם-הארצות זאָל פולשטענדיק, צווישן די קינדער-יתומים, אויסגעוואָרצלט ווערן. דער עצם באַזוכן פון דער שול, איז געווען אַ צוואַנג און אַ מוז-זאַך פאַר אַלע קינדער אין שול-עלטער אָן אויסנאַם.

אין דער הינזיכט איז געגעבן געוואָרן די נייטיקע אינסטרוקציעס, זיינען צוגעשיקט געוואָרן צירקוליאַרן און געגעבן געוואָרן דירעקטיוון די באַפולמעכטיקטע השגחה צו געבן מיט דער גרעסטער שטרענגקייט און פינקטלעכקייט.

די אויסער שול-בילדונג איז נוגע דערהויפּט די יתומים, וועלכע האָבן באַקומען זייער פאַכמענישע אויסבילדונג אין די וואַרשטאַטן פון די פאַך-שולן און האַנטווערקער אין ווילנע און פּראָווינץ.



יתומים-הויז אין לידע.



די קינדער פון סלאָנימער יתומים-הויז ביי פאַרשיידענע אַרבעטן אויפן הויף פון אינטערנאַט.

אין ווילנע האָבן זיי אַלע באַזוכט די אָרטיקע געזעלשאַפטלעכע אָונט-שולן, דערהויפּט די אָונט-שול אויפן נאָמען פון י. ל. פּרץ, ווי אויך זיך געלערנט פּריוואַט.

אין דער פּראָווינץ האָבן זיי באַזוכט די עקזיסטירנדע אָונט-קורסן. אין די ערטער, וואו אַזוינע אָונט-קורסן זיינען ניט געווען, זיינען איינגעלאַדן געוואָרן ספּעציעלע לערער פאַר די קינדער.

אין נאָוואָגרודאָק האָבן זיך די פאַך-קינדער געפונען אנטער דער השגחה פון דער אַלטער עקסיסטירנדער אָרטיקער געזעלשאַפט „שוקדי מלאכה״, וועלכע האָט אויך אָרגאַניזירט פאַר אַלע קינדער אָונט-קורסן.

אין לידע ווערן די יידישע לימודים (ז. זייט 226) געלערנט מיט די קינדער דורך אַ ספּעציעלן לערער.

די קינדער אין ווילנע זיינען פאַרשריבן אין די אָרטיקע געזעלשאַפטלעכע ביבליאָטעקן, וואו זיי באַקומען ביכער אויף צו לייענען אַהיים.

צום סוף דאַרף נאָך פאַרצייכנט ווערן, אַז פון צייט צו צייט, דאָס רוב ביים אָנפאַנג לערן-יאָר, זיינען די תלמידים באַזאָרגט געוואָרן מיט לערן-ביכער און מכשירים, וועלכע זיינען זיי אַרויסגעגעבן געוואָרן פולשטענדיק אומזיסט.

ג.

## אויסהאַלטונג.

אונטערן באַגריף „אויסהאַלטונג״ מיינען מיר די ברייט-פאַרצווייגטע אַרבעט אויפן געביט פון דער אַלטעגלעכער באַזאָרגונג פון די יתומים אין זייערע פאַרשיידענע מינים גשמיותדיקע הצטרכותן: דערנערונג, באַשוכונג און באַקליידונג, דירה און מעדיצינישע הילף.

1. דערנערונג. אויך דאָ ליגט דער שווערפּונקט אויף דעם „ווי אַזוי״. אונטערפירן אַלע יתומים אונטער איין אָרגאַניזירונגס-מאָס האָט מען ניט געטאָרט. אויב ניט אינדיווידואַליזירן יעדן יתום באַזונדער איז, לכל הפחות, אויסאַרבעטן אַן אָרגאַניזאַציאָנס-מאָדוס פאַר באַזונדערע קאַטעגאָריעס און גרופּעס פון די יתומים.

די וועגן זיינען געווען פאַרשיידענע: וועגן די קינדער, וועלכע האָבן זיך געפונען אין פּראָווינץ ביי זייערע מוטערס, איז די זאַך געווען קלאָר—מען האָט די דערנערונגס-סומע איבערגעגעבן אין זיכערע הענט—צו די מוטערס, אויף וועמען מען האָט זיך געקאָנט גאַנץ גוט פאַרלאָזן, אַז די קינדער וועלן בלייבן זאַטע.

עס זיינען אָבער געווען אַ טייל קינדער—רונדע יתומים—וועלכע האָבן זיך געוואַלגערט בשכנות אָדער זיינען געווען אָנגעוויזן אויפן חסד פון אַ וייטן קרוב—פאַר די קינדער האָט מען געפונען אַן אָנשטענדיקע הויז, וועלכע האָט זיך אונטערגענומען צו קאָכן מיטאָגן און אָפּטמאָל אויך אָנבייסן און אָונט-ברויטן. עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז די קינדער זיינען געווען אונטער דער פולשטענדיקער השגחה פון די יתומים-קאָמיטעטן.

אין איייניקע גרעסערע פונקטן, וואו אַזוינע קינדער האָבן דערגרייכט אַ באַדייטנדע צאָל, איז איינגעלאַדן געוואָרן אַ פרוי, מיט וועמען עס איז געשלאָסן געוואָרן כמו אַ קאָנטראַקט, לויט וועלכן זי האָט זיך מתחייב געווען צו שפּייזן די קינדער 3 מאָל אין טאָג.

דאָס איז אַלץ וועגן די קינדער, וועלכע זיינען געווען אין דער פּראָווינץ. די קינדער, וועלכע זיינען דערצויגן געוואָרן ביי די פֿאַך-לימודים אין ווילנע, האָבן זיך געפֿונען אין דער, לפֿי ערך, בעסערער לאַגע פֿון זיין איינגעאָרדנט אין דער באַטרעפֿנדער גוט-אַוועקגעשטעלטער קיך פֿון דעם פּראָפֿעסיאָנעלן פֿאַראיין אין ווילנע, אין וועלכער זיי האָבן זיך געשפּייזט מיט פֿרישע און נאַרהאַפֿטיקע מיטאָגן אונטער דער דירעקטער אויפֿזיכט פֿון קאָמיטעט. דערביי ווערן זיי באַזאָרגט מיט ספּעציעלע סומען אויף אָנבייסן און וועטשערע.

צו דער רובריק דאַרף מען נאָך צוגעבן די פֿאַרשטאַרקטע דערנערונג מיט מילך, אייער און וויים-ברויט, וואָס ווערט פֿון צייט צו צייט אַרויסגעגעבן, לויט אַ ספּעציעלער פֿאַראָרדענונג פֿון דאָקטאָר, די שוואַכע און קראַנקע קינדער אין ווילנע און פּראָווינץ.

2. באַשוכונג און באַקליידונג. דערנערונג און באַקליידונג דאָס איז, אייגנטלעך, געווען דער אומטייל-באַרער געביט פֿון דער יתומים-אַקציע נאָך פֿון קדמונים. דאָס זיינען געווען די צוויי יסוד-זיילן, אויף וועלכע עס האָט זיך געהאַלטן די יתומים-פֿאַרזאָרגונג און דער אויסדרוק פֿון הייסעסטן רצון פֿון ד. ד. ק.: לחם לאכל ובגד ללבוש.

אויב די דערנערונג איז געווען אין אַלע צייטן און ביי אַלע אומשטענדן אַ מער-ווייניק נאָרמאַלע, איז עס ניט אַזוי געווען מיט דער פֿראַגע פֿון באַקליידונג.

בנוגע דער באַקליידונג ווערט דאָ געמיינט ניט דער כמות, נאָר אַזוי צוזאָגן דער איכות. די צאָל פֿון די אַרויסגעגעבענע זאַכן (זיי זיינען אַלע געווען צוגעשיקט פֿאַרטיקע פֿון צענטער) איז געווען גענוגנד און די זאַכן זיינען בכלל געווען גאַנץ גוטע. נאָר דער אויסערער אויסזען פֿון די דאָזיקע זאַכן,—די אויבער-קליידער,—האָט אין די ערשטע צייטן געטראָגן אַ ספּעציפֿישן שטעמפּל פֿון „קאַזיאָנשטשינע" (פֿון אַלע „יונים האָבן איין פּנים") הן לויט זייערע פֿאַרבן והן לויט דעם אופֿן פֿון צושניט. ווי עס וואָלט געווען עפּעס אַ נויטווענדיקייט אין דעם, אַז אַלע זאָלן לויטן הלוך פֿון די קינדער זיי גלייך דערקענען און קענען אויף זיי טייטלען מיטן פֿינגער: „אָט גייט אַ יתום".

די פֿראַגע איז אויך געלייזט געוואָרן נאָך דער יתומים-קאָנפֿערענץ. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן און שפּעטער אויסגעווירקט געוואָרן, אַז די זאַכן זאָלן פֿאַרפֿאַרטיקט ווערן אויף די ערטער. די באַקליידונגס-אַקציע פֿאַר ווילנער געגנט איז איבערגעגעבן געוואָרן אין די הענט פֿון „יעקאָפּאָ", וועלכע האָט צוגעגרייט די גאַנצע קליידונג דאָ אויף אָן אָרט. חוץ, וואָס די זאַכן זיינען געווען דורכדעם מער פּאַסיקע און בעסערע, האָט עס געבראַכט אויך אַ צווייאיקן נוצן: ערשטנס, באַזאָרגט אַ שפּאָר ביסל בעלי-מלאכות מיט אַרבעט און, צווייטנס, אָפּגעווישט פֿולשטענדיק די ספּעציפֿישקייט פֿון די יתומישע קליידער.

און אַזוי האָבן די קינדער 2 מאָל אין יאָר, זומער און ווינטער, געקראָגן נייע מלבושים: קאָסטיומען און מאַנטלען, שיך, וועש, זאָקן און אַנדערע זאַכן.

די בגדים, אַז זיי פֿלעגן איינגעריסן ווערן, זיינען פֿאַרריכט געוואָרן דורך די חברים-יתומים, וועלכע לערנען זיך שניידעריי. די שיך פֿלעגט פֿאַרריכטן אַ שוסטער, וועלכער האָט שטענדיק געאַרבעט ביי „יעקאָפּאָ".

3. דירה. אין 3 אופֿנים האָט זיך געלאָזט פֿאַרווירקלעכן די דירה-פֿראַגע:—מיר מיינען די אָנגעווייטיקטע פֿראַגע פֿון איינאָרדענען אין די דירות די קינדער, וועלכע, צוליב די אָדער אַנדערע סיבות, נויטיקן זיך אין דעם.

ערשטנס, די פֿאַך-קינדער אין ווילנע. דאָס איז געווען דער עלעמענט, וועלכער איז דאָס ערשטע מאָל אין אַ גרויסער שטאָט. זיי האָבן דאָ ניט קיין פֿריינד און ניט קיין באַקאַנטע. אַ דירה איז פֿאַר זיי אַ לעבנס-פֿראַגע. מען האָט געדאַרפֿט געפֿינען אין יעדן פֿאַל אַ פּאַסנדן אָרט און צאָלן די געהעריקע דירה-געלט.

עס איז געווען אַ צווייטער עלעמענט, דער עיקר אין פּראָווינץ, וועלכער האָט געמוזט אַריבערגעפֿירט ווערן פֿון די אַלטע צעבראָכענע חורבות אין אַנדערע דירות, ווען ניט האָט געדראָט אַ סכנה פֿאַרן קינדס געזונט. עס זיינען אויך געווען פֿאַלן, וואָס אַ קינד האָט זיך געפֿונען ביי קרובים, וועלכע האָבן זיך צו אים שלעכט באַצויגן און אַריבערפֿירן אים אין אַן אַנדער דירה איז געווען מער, ווי אַ נויטווענדיקייט. צום סוף ווילן מיר נאָך אָנווייזן אויף אַזוינע באַדויערנדע פֿאַלן, ווען קינדער האָבן זיך געפֿונען אין הייזער פֿון קרובים, וועלכע האָבן זיי געקענט דעמאָראַליזירן, ווייל די איינגנטימער האָבן זיך פֿאַרנומען מיט צווייפֿלהאַפֿטע פּרנסות און די קינדער האָט מען געמוזט פֿון דאָרט צונעמען.

אין אַזוינע פֿאַלן האָט זיך „יעקאָפּאָ" ניט אָפּגעשטעלט פֿאַר גרעסערע קאָסטן און איינגעאָרדנט די קינדער אין געדונגענע צימערן און דירות, שטענדיק אונטער דער געהעריקער השגחה.



עס איז געווען אויך אַ דריטער אופֿן פֿון הילף דורך דירות. דאָס איז די ספּעציעלע געלט-שטיצע, וואָס „יעקאָפּאָ" האָט אַרויסגעגעבן אייניקע אלמנות, מוטערס פֿון די יתומים אויף צו ברענגען אין אָרדענונג זייערע הרוב-געוואָרענע כאַלופּעס, אין וועלכע זיי האָבן געוואוינט. דאָס געלט פֿלעגט פֿאַרטאָן ווערן אויף איבערדעקן דעכער, אָנגלאָזן שויבן, פֿאַרריכטן דעם אויוון און לייגן פּאָדלאָגע. מיט דעם האָט מען געראַטעוועט דעם יתום און פֿאַר איינוועגס די גאַנצע פֿאַמיליע פֿון פֿאַרשיידענע קראַנקהייטן.

צו דער דירות-הילף דאַרף בלי-ספֿק צוגעגעבן ווערן די באַדייטנדע צאָל בעטן (אייזערנע) און בעט-געוואַנט—גאַנצע קאָמפּלעקטן,—ווי ליילעכער, ציכלעך, האַנטטיכער, סעניקעס און קאָלדרעס,—וועלכע זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן די יתומים.

ד.

## מעדיצינישע הילף.

דער מעטאָד פֿון דער אַרבעט איז געווען דורכגעדרונגען מיטן הויפּט-ציל: ניט יוצא צו זיין, אָפּצופּטרן, נאָר ווי מעגלעך ראַדיקאַל אויסהיילן דעם חולה.

צוליב דעם האָט מען ניט נאָר געגעבן די ערשטע מעדיצינישע הילף אויף אַן אָרט, נאָר עס זיינען אויסגענוצט געוואָרן אַלע ברייט-פֿאַרצווייגטע מיטלען, וועלכע זיינען געווען אין רשות פֿון „יעקאָפּאָ", כּדי צו ראַטעווען דאָס קינד.

די יתומים-קאָמיסיעס אויף די ערטער האָבן באַקומען צירקולאַרישע מעלדונגען, אַז אַלע קינדער, וועלכע זיינען קראַנק, דאַרפֿן געניסן פֿון מעדיצינישער הילף.

שוין אָפּגערעדט פֿון די צענדליקער קראַנקע אויף פּאַוואָס, קרעץ, טראַכאָמע און אַנדערע קראַנקהייטן, וועלכע זיינען פֿולשטענדיק אויסגעהיילט געוואָרן, ווי אויך פֿון די, וואָס האָבן באַקומען אויפֿן חשבון פֿון „יעקאָפּאָ" מעדיצינישע הילף אין די אַמבולאַטאָריעס פֿון „אָזע" און „משמרת חולים", האָט זיך אין פּראָצעס פֿון דער אַרבעט אַרויסגעוויזן אַ באַדייטנדע צאָל קראַנקע קינדער, וואָס האָבן זיך גענויטיקט אין קלינישער באַהאַנדלונג און ספּעציעל אין כירורגישער הילף.

אַזוינע קינדער פֿלעגן פֿון דער פּראָווינץ אַריבערגעפֿירט ווערן קיין ווילנע, וואו מען פֿלעגט זיי איינאָרדנען אויפֿן חשבון פֿון „יעקאָפּאָ" אין די היגע שפּיטאָלן.

אַממייסטן האָט אונז געדינט דער קינדער-שפּיטאָל אין „זווערינעץ", וועלכער איז געווען אַמבעסטן צוגעפּאַסט פֿאַר קינדער-חולאים און האָט זיך גע-

פונען אונטער דער ליבער און האַרציקער השגחה פון דאָרטיקן מעדיצינישן פּערסאָנאַל מיטן ד״ר הערץ קאָוואַרסקי בראש. עס איז ווערט טאַקע דאָ צו פאַרצייכענען זייער איבערגעבנקייט צו די קינדער און די באַדייטנדע ערפאָלגן, וואָס זיינען דערגרייכט געוואָרן ביים היילן די קינדער. ס׳איז גרויס די צאָל האָפנונגסלאָזע קינדער, וועלכע זיינען פון דאָרט אַרויס קרעפטיק און פול מיט לעבן.

ווייטער האָבן אונז געדינט מיט זייער הילף די קליניק פון „משמרת=חולים“ און דער יידישער שפּיטאָל פאַר אינערלעכע און כירורגישע קראַנקע. „יאַקוב“—פאַר אַ קליינעם טייל נערוון=קראַנקע און מעלאַנכאָליקער און צום סוף די שטאָטישע באַראַקן פאַר אינפעקציאָנס=חולאים.

אין אַ באַוואוסטער הינזיכט האָבן אויך פיל מיטגעהאָלפן די שטאָטישע און געזעלשאַפטלעכע שפּיטאָלן און באַראַקן אין דער פּראָווינץ, וועלכע האָבן די שווערקראַנקע איינגעאָרדנט ביי זיך.

די פּאַוואוס=קראַנקע האָבן זיך געהיילט אין „אָזע“ אונטער דער אָנפירונג פון ד״ר גערשון.

ה.

## זומער-קאָלאָניעס און סאַנאַטאָריעס.

אין דער פּראַקטיק פון „יעקאָפּאָ“ האָט זיך פון לאַנג געפירט אויסצונוצן די זומער=חדשים פאַר די שוואַכע און אויסגעמאַטערטע קינדער אויף צו פאַרשטאַרקן זייער געזונט=צושטאַנד.

די ערשטע יאָרן זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן זומער=פּלעצער אין אַ טייל פּונקטן פון אונזער פּראָווינץ פאַר אָרימע און שוואַכע קינדער.

שפּעטער האָט די אַקציע אָנגענומען אַ מער סיסטעמאַטישן און אויסגעהאַלטענעם כאַראַקטער פון זומער=קאָלאָניעס אונטער דער השגחה פון ערציהערס און דאָקטוירים.

דעם 25 יוני 1923 איז צושיקט געוואָרן אַ צירקוליאַר אין אַלע שטעטלעך פון פּראָווינץ, אין וועלכן מען האָט זיי געמאָלדן, אַז „יעקאָפּאָ“ צוזאַמען מיט „אָזע“ עפענען אין דער דאַטשע=שטעטל פּאָדבראָדז אַ זומער=קאָלאָניע פאַר פיזיש=אָפּגעשוואַכטע קינדער=יתומים. נעמענדיק אין אַכט די באַגרעניצטע צאָל ערטער אין דער זומער=קאָלאָניע האָט מען צוגענומען נאָר קינדער, וועלכע האָבן זיך אַמדרינגלעכסטן אין דעם גענויטיקט.

די אַלע קינדער האָבן געדאַרפט צום ערשטן אונטערגעזוכט ווערן פון אַ דאָקטאָר ביי זיי אין שטעטל און מיטברענגען פון אים אַ באַשטעטיקונג וועגן זיינקראַנקהייט.

מיר וועלן זיך אָפּשטעלן אויף יעדער קאָלאָניע באַזונדער:

### I. זומער=קאָלאָניע אין פּאָדבראָדז.

זומער 1923.

די קאָלאָניע האָט זיך געפונען 2 קילאָמעטער פון שטעטל און באַן=סטאַנציע (1 שעה מיטן באַן פון ווילנע) און באַשטאַנען פון 6 זומער=וואוינונגען אין אַ סאָסנע=וואַלד אויף אַ הויכן אָרט און טרוקענעם באָדן.

עס האָבן זיך אין איר אויפגעהאַלטן 85 קינדער, פון וועלכע 50 יתומים זיינען באַזאָרגט געוואָרן דורך „יעקאָפּאָ“.

ווי עס איז צו זען פון דער קאַטעגאָריע אָנגענומענע קינדער, האָט די קאָלאָניע געטראָגן אַ געוויסן סאַנאַטאָרישן כאַראַקטער. עס זיינען אויסגענוצט געוואָרן, דעריבער, אין דער פולסטער מאָס די נאַטור, די זונען=שטראַלן, דער וואַלד און דער טייך.

די קינדער זיינען איינגעטיילט געוואָרן, לויט זייער געזונט=צושטאַנד, אין 3 גרופּן: איין גרופּע האָט גענאָסן פון זונען=בעדער, געבאָדן זיך און געמאַכט שוועדישע איבונגען. די 2=טע גרופּע, די מערהייט, האָט זיך געבאָדן נאָר אין וואַרימע טעג, באַקומען זונען=בעדער אין אַ באַגרעניצטער צאָל און געווען שטרענג אינדיווידואַליזירט. די 3=טע גרופּע האָט כמעט אויסשליסלעך גערוט.

גרויס אַכט איז געלייגט געוואָרן אויף דער הייל=פלעגע פון אַלע קינדער.

חוץ דעם איז געלייגט געוואָרן פיל אַכט אויף דער דערציאונג פון די קינדער, וועלכע איז געווען אונטער דער אָנפירונג פון אַ פּעדאַגאָגישן פּערסאָנאַל.

בס״ה איז דער פּערסאָנאַל באַשטאַנען פון פאָלגנדע 7 פּערזאָן: אַ פאַרוואַלטערין, אַ דאָקטאָר, 3 לערער, אַ קעכין און אַ באַדינערין.

עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז די דערנערונג, וועלכע איז פאָרגעקומען 4 מאָל אין טאָג, איז געווען נאַרהאַפטיק און אין דער נויטיקער מאָס.

דער טאָג פלעגט פונאַנדערגעטיילט ווערן אויף פאָלגנדן אופן: האַלב אַכט זיינען די קינדער אויפגעשטאַנען, איינגעוואַשט און ריין געמאַכט זיך. האַלב 9 האָט מען געגעבן פרישטיק, ביז 10 פרי. פון 10 ביז 12—זון=בעדער. פון 12 ביז 1—אָפּרו. פון 1 ביז 2—מיטאָג. פון 2 ביז 4—ווידער רו און איינצייטיק פלעגן דורכגעפירט ווערן ניט באַוועגלעכע שפּילן. 4 אַזייגער פלעגן די קינדער באַקומען מילך. פון 4 ביז האַלב 7—שפּאַציר=גאַנג און פאַרשיידענע שפּילן, פון האַלב 7 ביז האַלב 8—אָוונט=ברויט. נאָכדעם וואַשן זיך און האַלב 9 פלעגן זיי גיין שלאָפן.

פון די 85 קינדער זיינען 30 געווען קראַנק אויף סקראָפול, 27—לונגען=קאַטאַר, 15—בלוט=אָרים, 5—האַרץ=קראַנקהייט, 4—לונגען=טובערקולאָז, 3—ביינער= און געלענק=טובערקולאָז, 1—ראַכיט.

די רעזולטאַטן זיינען פאָלגנדע (לויטן פּראָטאָקאָל פון די דאָקטוירים): אַלע קינדער האָבן זיך ערהוילט. דורכשניטלעך איז צוגעקומען אין וואָג יעדן קינד 3.07 קילאָגראַם.

פאַר דער גאַנצער צייט פון עקזיסטענץ פון דער קאָלאָניע האָבן די קינדער ווייניק געקרענקט. קיין צופאַלן פון אָנשטעקנדע קראַנקהייטן זיינען בכלל ניט געווען.

דאָס צוזאַמענלעבן פון די קינדער מיטן פּערסאָנאַל איז געווען אַ מוסטערהאַפטע. די קאָלאָניע איז געוואָרן אַן אמתע היים פאַר די קינדער, וואָס ס׳איז געווען צו זען פון זייערע בריוו אַהיים. מיט טרערן אין די אויגן האָבן זיי פאַרלאָזט די קאָלאָניע.

### II. זומער=קאָלאָניע אין ווילנע אויף אַנטאָקאָל.

זומער 1924.

די 2=טע זומער=קאָלאָניע, וועלכע איז געעפנט געוואָרן מיט אַ יאָר שפּעטער אין 1924, האָט זיך געפונען אין ווילנע אויף דער פאָרשטאָט אַנטאָקאָל אין אַ שיינעם ווינקל לעבן אַ געדיכטן וואַלד פון סאָסנע=בוימער.

אויב עס איז צו באַמערקן אין דער ערשטער קאָלאָניע אַ טענדענץ פון שאַפן פון איר אַ כמו סאַנאַטאָריע קען מען מיט רעכט זאָגן, אַז די איצטיקע קאָלאָניע האָט אינגאַנצן ערפילט די אויפגאַבן פון אַ סאַנאַטאָריע מיט איר כאַראַקטער און רעזשים.

די סאַנאַטאָריע=קאָלאָניע, ווי מיר וועלן איר אָנרופן, איז געגרינדעט געוואָרן בשותפות פון „יעקאָפּאָ“ און „אָזע“ און האָט פאַרנומען אַ לאָקאַל אויף אַנטאָקאָל, לעטניא 3, פון 3 גאָרן מיט 22 צימערן: 10 שלאָף=צימערן, 1 שפּיל=צימער, 1 עס=צימער, 1 ביבליאָטעק=צימער, און קינדער=קלוב, 1 איזאָליאַטאָר, 1 מעדיצינישער צימער, 2 צימערן פאַר די ערציער און די איבעריקע 5 צימערן זיינען געווען די קיכן, שפּייכלער, שפּייז=צימערן א. אַ.

די סאַנאַטאָריע=קאָלאָניע האָט אויך פאַרמאָגט אַ פּלאַץ און אַ גאָרטן. דער פּלאַץ האָט געדינט אויף שפּילן און ספּאָרט=איבונגען.

דער גאָרטן האָט געבראַכט אַ דאָפּלטן

נוצן. אַ טייל איז צואַקערט און פאַרזייט געוואָרן און אויף דעם אַנדער טייל האָט מען אײַנגעאָרדנט די זונען- און לופט-וואַנעס.

אויך דער עלעמענט קינדער, וועלכע זײַנען צוגענומען געוואָרן אין דער סאַנאַטאָריע-קאָלאָניע, איז געווען דער זעלבער, וואָס אין פאָריקן יאָר, דהיינו: פאַרגרעסערטע דריזן, בלוט-אָרימע, סקראָפילעזע, שוואַכע לונגען און ביינער-טובערקולאָז.

דער רעזשים און טאָג-פאַרלויף איז געווען פאָלגנדער: 6 פרי אויפשטיין, וואַשן דעם קערפּער ביז העלפט, די ציין, און אַליין צוקלייבן די בעטן. 8 פרי—דער ערשטער פרישטיק, נאָכדעם זונען- און לופט-וואַנעס ביז 12. ביז 1 מיטאָג. פון 1 ביז 3 ליגן די קינדער אין די בעטן. פון 3 ביז 4 שפּילן און האַנט-אַרבעט. 4 אַזייגער דער דריטער מאָל עסן. נאָכדעם באָדן, שפּאַציר-גאַנג, שפּילן. דאָס געדויערט ביז 7 אָוונט. 7 אָוונט איז אָוונט-ברויט און 8 אַזייגער גייען די קינדער שלאָפן.

פאַרשטייט זיך, אַז בײַ דער אַלגעמיינער גרויסער צאָל קינדער (143) מיט פאַרשיידענע קראַנקהייטן האָט מען ניט געקענט פאַראַלגעמיינערן דעם טאָג-פאַרלויף פון די קינדער. עס איז אײַנגעלאַדן געוואָרן אַ דאָקטאָר, וועלכער האָט געהאַט די שטענדיקע השגחה אויף די קינדער, האָט באַשטימט אינדיווידועל פאַר יעדן קינד אַ באַזונדער רעזשים מיט באַזונדערע מעדיצינישע פאַראָרדענונגען. די פאַראָרדענונגען פלעגן דורכגעפירט ווערן דורך אַ שוועסטער-היגיעניסטין, אַ ספּעציאַליסטין אין איר פאַך.

דעם טאָג פלעגן די קינדער פאַרברענגען אין דער באַגלייטונג און אונטער דער השגחה פון 2 דערציער און אַ פאַרוואַלטערין.

פון די 80 קינדער, וועלכע זײַנען אײַנגעאָרדנט געווען דורך „יעקאָפּאָ" אין דער סאַנאַטאָריע-קאָלאָניע, האָבן זיך אַלע גוט ערהוילט און צוגענומען אין וואָג.

די רעזולטאַטן זײַנען געווען אויך דאָס מאָל גלענצנדע, אַזוי, אַז די אינסטיטוציע איז געוואָרן אַ נויטווענדיקייט און געשלאָגן וואָרצלען פאַר אַ שטענדיקן אַנשטאַלט אויף צו פאַרשטאַרקן אין די זומער-חדשים די צובראָכענע און פאַרחושכטע יתומים.

### III. זומער-קאָלאָניע אין ווילנע אין זווערינעץ.

זומער 1925.

ליטן מנהג פון די פאָריקע יאָרן איז אויך דאָס יאָר אײַנגעאָרדנט געוואָרן די זומער-קאָלאָניע מיט אַן אויסגעשפּראָכענעם סאַנאַטאָריע-כאַראַקטער.

דאָס מאָל איז די קאָלאָניע ווידער אײַנגעאָרדנט געוואָרן צוזאַמען מיט „אָזע" אין איינעם פון די שענסטע ווינקעלעך פון ווילנע, אין דער וואַלדיקער סביבה „זווערינעץ".

דער לעבנס-שטייגער איז געווען כמעט דער זעלבער ווי אין די פאָריקע זומער-קאָלאָניעס. ס'זײַנען נאָר אײַנגעפירט געוואָרן זאַלץ-אײַנרײַבונגען. פאַרטאָג, אַז די קינדער זײַנען אויפגעשטאַנען האָט מען זיך געמאַכט זאַלץ-אײַנרײַבונגען. דאָס זאַלץ-וואַסער איז געווען צוגעגרייט נאָך פון נעכטן. די קינדער האָבן געמאַכט די אײַנרײַבונגען מיט ספּעציעלע הענטשקעס. די אײַנרײַבונגען האָבן פאַרשטאַרקט און פאַרהאַרטעוועט די הויט בפרט און די גאַנצע נערוון-סיסטעם בכלל.

דאָס יאָר איז בכלל געווען אַ שווערער. עקאָנאָמיש געבראָכן—האָט עס אויך געווירקט אויף דער זומער-קאָלאָניע.

מען האָט געזוכט פאַרשיידענע פאַרקירצונגען אין לערער-פּערסאָנאַל, מען האָט פאַרקלענערט די צאָל קינדער, מצד „יעקאָפּאָ" ביז 21. דעם אינעווייניקסטן לעבן האָט עס, אָבער, ניט אָנגערירט. אין די ווענט פון זומער-קאָלאָניע האָט זיך דער קריזיס ניט געפילט. די קינדער האָבן געגעסן און גוט ערהוילט זיך, צוגענומען אין וואָג און געוואָרן קרעפטיק און מונטער.

### IV. זומער-קאָלאָניע אין ווילנע אין זווערינעץ.

זומער 1926.

פונקט ווי אין די פאָריקע יאָרן איז מען געגאַנגען אין דעם אַלט-אויסגעטראָטענעם וועג פון די טראַדיציאָנעלע זומער-קאָלאָניעס פאַר אָפּגעשוואַכטע און קרענקלעכע יתומים.

די זומער-קאָלאָניע האָט זיך געפונען אין זעלבן אָרט אין זווערינעץ (ווילנע) אין בנין, וואו עס איז געווען אײַנגעאָרדנט די קאָלאָניע אין יאָר 1925. אויך אין אַרט לעבן און סדר פון די קינדער זײַנען כמעט ווי ניט פאָרגעקומען קיין ענדערונגען.

אין משך פון סעזאָן זײַנען אײַנגעאָרדנט געוואָרן 61 יתומים פון 26 פונקטן פון געגנט.

אַלע קינדער אָן אויסנאַם האָבן זיך גוט פאַרריכט און אומגעקערט זיך אויף זייערע ערטער געזונטע און פרישע.

### V. הייל-קאָלאָניע „צעכאָצינעק".

חוץ די אויבנדערמאָנטע אָפּגעשוואַכטע קינדער זײַנען געווען אין דער פראָווינץ יתומים, וועלכע האָבן געליטן פון ביינער-טובערקולאָז, אויסגעשפּראָכענעם שקראָפול און רעוומאַטיזם.

די קינדער האָבן געדאַרפט דורכמאַכן אַ קור אין אַ ספּעציעלן הייל-אַנשטאַלט.

די נויט אין דעם האָט זיך געפילט שטאַרק אין אַלע געגנטן פון גאַנץ פוילן און די צענטראַלע פון דער יתומים-פאַרזאָרגונג אין וואַרשע האָט אָרגאַניזירט אַזאַ הייל-אַנשטאַלט אין קור-אָרט צעכאָצינעק.

„יעקאָפּאָ" האָט געמאַכט אַ מעדיצינישע אויספאָרשונג אין די שטעטלעך פון ווילנער און נאָוואָגרודקער פראָווינץ און אַלס רעזולטאַט זײַנען אין יאָר 1924 אײַנגעאָרדנט געוואָרן אין צעכאָצינעק 12 קינדער, אין יאָר 1925—14 קינדער און אין יאָר 1926—22 קינדער.

די רעזולטאַטן זײַנען געווען זייער גוטע. די הייל-אַנשטאַלט האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויפן פאַרבעסערן דעם געזונט-צושטאַנד פון די יתומים.

ו.

## הילף פאַר מלחמה-אַלמנות.

דער איינהייטלעכער באַשלוס פון דער יתומים-קאָנפערענץ וועגן אַרויספירן די אַדאָפּטאַציע אויף אַ נײַעם וועג, דורכדעם, וואָס מען וועט אַרויסגעבן אַן איינמאָליקע גרעסערע סומע די מלחמה-אַלמנות — מוטערס פון די אַדאָפּטירטע יתומים אויף אײַנצואָרדנען זיך, איז אויך רעאַליזירט געוואָרן אין לעבן.

דעם 7 נאָוועמבער 1922 איז פונאַנדערגעשיקט געוואָרן אַ צירקוליאַר אין אַלע יתומים-קאָמיטעטן און קאָמיסיעס, אין וועלכן עס איז געזאָגט געוואָרן, אַז די איצטיקע סיסטעם פון שטיצע ברענגט ניט אַלע מאָל צו די געווינטשטע רעזולטאַטן.

אין די פיל פאַלן, וואו די אַלמנות האָבן ניט קיין באַשעפטיקונג, פאַרוואַנדלט זיך די יתומים-פאַרזאָרגונג אין אַ געוויינלעכער תמיכה.

שטרעבנדיק, אַז די יתומים-אַקציע זאָל ברענגען וואָס מער ממשותדיקע רעזולטאַטן—איז באַשלאָסן געוואָרן צו מאַכן אַ פּרוב צו שטיצן דורך קרעדיט די פּראָדוקטיווע עלעמענטן פון די אַלמנות באופן, אַז דורך דער הלואה, וואָס זיי וועלן באַקומען, זאָלן זיי קענען זעלבסטשטענדיק פאַרדינען און דערנערן זיך און זייערע יתומים און דערמיט אַליין אָפּשאַפן די ניט-צוועקמעסיקע און ניט-געזונטע תמיכה, וואָס זיי באַקומען פאַר די יתומים פון חודש צו חודש.

איינצייטיק מיטן צורקוליאַר איז פונאַנדערגעשיקט געוואָרן אַ פראַגע-בויגן צו

די אַלמנות, אין וועלכן מען האָט געבעטן זיי אַרויסזאָגן זיך, אַלס די פאַראינטערעסירטע פּערזאָנען, וועגן אויבנדערמאָנטן ענין.

אין רעזולטאַט פון דער אַנקעטע, האָבן 130 אַלמנות פון דער אַלגעמיינער צאָל 265, וועמענס קינדער עס זיינען געווען אַדאָפּטירט, — געענטפערט פּאָזיטיוו.

דאָס זיינען געווען אָממערסטן אַרבעטנדיקע פרויען, הענדלערקעס, מאַרקיידענעס, פּראַצאָוויטע ווייבער, וועלכע האָבן מיט פרייד אָנגענומען דעם פאָרשלאָג, געפינענדיק אין דעם אַן אויסוועג אָפּצוזאָגן זיך, סוף כל סוף, פון דער תמיכה.

פון 130 אַלמנות זיינען באַשטעטיקט געוואָרן 54 מיט 75 יתומים. אויך פאַר די איבעריקע האָט מען געהאַט בדעה צו אַסיגנירן, ביי דער ערשטער מעגלעכקייט, די נויטיקע סומען געלט.

אין אַלגעמיין איז דער פּלאַן געווען אויסגערעכנט אויף אַזאַ אופן, אַז מיטן אַסיגנירן פאַר דער אלמנה די איינמאָליקע סובסידיע,— אָדער הלואה, ווי מען האָט עס דאַן גערופן,— זאָל מען נאָך פאַרלענגערן די תמיכה אויף 3—4 חדשים, ביז די אלמנה וועט זיך מיט דער געגעבענער סומע איינאָרדענען און פאַרפעסטיקן אין מעמד, אַז זי זאָל שוין האָבן די מעגלעכקייט צו דערנערן אירע יתומים.

די אַקציע האָט זיך אָבער ניט געקענט נאָרמאַל אַנטוויקלען און פאַרברייטערן צוליב דעם, וואָס די נויטיקע אויף דעם געלטער פון ד. ד. ק. זיינען ניט אַסיגנירט געוואָרן צו דער צייט און דערנאָך איז שוין געווען צו שפּעט.

די שווערע לאַגע, וועלכע איז אין אַ געוויסער צייט אַרום אַנטשטאַנען און האָט רואינירט יעדע עקאָנאָמישע טעטיקייט, האָט אויך צעשטערט אַלע אילוזיעס וועגן אויפריכטן די אַלמנות מיטן וועג פון זעלבסט-הילף.

די גוטע און סימפּאַטישע התחלה איז צוליב אויסערליכע סיבות און מניעות פאַרהאַלטן געוואָרן אין עצם ברען פון דער אַרבעט און ניט געבראַכט די אַזוי פיל דערוואַרטע רעזולטאַטן.

ז.

## דער ווייטערדיקער מצב.

כדי צו האָבן אַ קלאָרע פאָרשטעלונג וועגן דער ווייטערדיקער אַרבעט פון געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ" אויפן געביט פון יתומים-פאַרזאָרגונג וועט זיין ניט איבעריק אָפּצושטעלן זיך אויף דער נייער אָרגאַניזאַציאָנעלער פאָרם פון דער יתומים-אַרבעט אין פוילן בכלל.



אין יאָר 1923, אַז ס'איז באַקאַנט געוואָרן די פאַראָרדענונג פון דער רעגירונג צו ליקווידירן דעם ד. ד. ק. אין פוילן, איז אַנטשטאַנען די פראַגע, ווי אַזוי צו באַוואָרענען די אָרגאַניזאַציאָנעלע און יורידישע זייט פון דער יתומים-אַרבעט אין פוילן, כדי זי זאָל ניט בלייבן אין מיטן.

אין צוזאַמענהאַנג דערמיט זיינען פאָרגעקומען אַ ריי באַראַטונגען פון געזעלשאַפטליכע טוער אויפן געביט פון יתומים-פאַרזאָרגונג און אַלס רעזולטאַט איז געגרינדעט געוואָרן אין וואַרשע דער שוין איצט שטאַרק פּאָפּולערער „פאַרבאַנד פון די צענטראַלעס פאַר יתומים-פאַרזאָרגונג אין פוילן" *).

די עיקר עובדה פון פאַרבאַנד איז געווען פאַרצוזעצן די אַרבעט, ניט צושפּליטערן די כחות און געפינען די נויטיקע געלט-מיטלען פאַר דער ווייטערדיקער עקסיסטענץ.

דער פאַרבאַנד האָט, אָבער, דאַן געהאַט נאָך אַן אויפגאַבע, דהיינו: דערפירן די אָנגעהייבענע אַרבעט ביז אַ ברעג און דורכפירן אַ פּ ל אַ נ מ ע ס י ק ע ליקווידאַציע פון דער גאַנצער יתומים-טעטיקייט אויף וויפיל זי איז געווען פאַרבונדן מיטן ד. ד. ק.

---

*) דער דירעקטאָר פון דעפּאַרטאַמענט פאַר קינדער-הילף פון ד. ד. ק. פאַר פוילן איז געווען א. שאָהאַן. נאָך זיין אַוועקגיין האָט דער ד. ד. ק. איבערגעגעבן די אָנפירונג מיט דער אַרבעט אַ קאָלעגיע פון דריי אָרטיקע טוער, וועלכע זיינען פריער געווען פאָרשטייער פון ד. ד. ק. אין פאַרשיידענע ראַיאָנען. די דאָזיקע קאָלעגיע, וועלכע איז באַשטאַנען פון די ה"ה א. גומענער, מ. שניאורסאָן און ל. נײַשטאַט און האָט געהאַט איר זיץ-אָרט אין וואַרשע, האָט אָנגעפירט מיט דער אַרבעט ביז וואַנען דער ניי-געגרינדעטער „פאַרבאַנד פון צענטראַלעס פאַר יתומים-פאַרזאָרגונג אין פוילן" האָט זיך ניט פעסט אָרגאַניזירט און איבערגענומען די אַרבעט.

אין פאַרבאַנד זיינען געבליבן אַרבעטן מ. שניאורסאָן אַלס גענעראַל-סעקרעטאַר און ל. נײַשטאַט אַלס מיטגליד פון עקזעקוטיווע, וועלכער איז אָבער גלייכצייטיק פאַרבליבן ביים פאַרבאַנד אַלס פאָרשטייער פון ד. ד. ק.

א. גומענער איז פון צענטראַל-ביוראָ אַוועק, האָט זיך באַזעצט אין נאָוואָגרודעק אַלס אַדוואָקאַט, האָט אָבער ניט אויפגעהערט צו אינטערעסירן זיך מיט דער אַרבעט אַלס איבערגעגעבענער געזעלשאַפטלעכער טוער. ער איז פאַרבליבן געוועזענער פאָרזיצער פון דער ביאַליסטאָקער צענטראַלע (פריער איז ער געווען פאָרשטייער פון ד. ד. ק. אין יענעם ראַיאָן) און איז געוואָרן פאָרזיצער פון נאָוואָגרודקער געזעלשאַפט פאַר יתומים-פאַרזאָרגונג מיט איר בית-יתומים, זייענדיק גלייכצייטיק ביזן יאָר 1929 אַ מיטגליד פון עקזעקוטיווע פון פאַרבאַנד. ער האָט פיל אויסגעטאָן פאַר דער יתומים-אַרבעט; אין די לעצטע יאָרן דערהויפּט אויף אַן אָרט, אין דער נאָוואָגרודקער פּראָווינץ. רעד.



די מיטלען, וועלכע דער ד. ד. ק. האָט איבערגעגעבן אין רשות פון פאַרבאַנד, זיינען געווען אויסגערעכנט, אַזוי, אַז די גאַנצע טעטיקייט האָט זיך געדאַרפט אָפּשטעלן אין אַפּריל 1925. עס וואָלטן אפשר פאַרבליבן נאָך אַ קליינע צאָל יתומים, וועמען מען וואָלט דאַרפן באַוואָרענען זייער ווייטערדיקן קיום, אָדער געבן די מעגלעכקייט ענדיקן די שול. אין אַלגעמיין, אָבער, האָט זיך, ווי געזאָגט, די אַרבעט געדאַרפט ענדיקן אין אַפּריל 1925.

אין צוזאַמענהאַנג דערמיט איז אויסגעאַרבעט געוואָרן דער פּלאַן פון אַ בהדרגהדיקער רעדוקציע פון דער שטיצע און צאָל סובסידירטע יתומים.

די צאָל יתומים אין ווילנער געגנט, וועלכע זיינען באַזאָרגט געוואָרן דורך „יעקאָפּאָ", האָט אין יולי 1923 דערגרייכט 795. ווען מען זאָל צוגעבן די 57 קינדער, וועלכע זיינען אויסגעהאַלטן געוואָרן אין סמאָרגאָנער אינטערנאַט אויפן חשבון פון די היימלאָזע-סומען, איז דער צאָל דערגאַנגען ביז 852. בהסכם מיט דער געפּלאַנטער ליקווידאַציע האָט די צאָל כסדר געדאַרפט פאַלן, אַזוי, אַז אין משך פון $1\frac{1}{2}$ יאָר האָט די אַרבעט זיך געדאַרפט פאַרענדיקן. אין דער ריכטונג איז טאַקע געפירט געוואָרן די אַרבעט און די צאָל סובסידירטע יתומים איז מחודש לחודש רעדוצירט געוואָרן.

ח.

## קאָמונאַלע הילף און זאַמלונגען.

I. בהסכם מיט דער אַלגעמיינער אַקציע פון „פאַרבאַנד", איז אַנטוויקלט געוואָרן דורך „יעקאָפּאָ" אין די יאָרן 1924—1925 און 1926 אַ באַדייטנדע טעטיקייט אין הינזיכט פון באַקומען ממשותדיקע הילף פון די שטאָטישע זעלבסטפאַרוואַלטונגען. עס זיינען אויסגעאַרבעט און פונאַנדערגעשיקט געוואָרן צענדליקער צירקולאַרן מיט אָנווייזונגען און גענויסטע אינפאָרמאַציעס, ווי אַזוי צו ווענדן זיך מיט די נויטיקע בקשות וועגן סובסידיעס אין די גמינעס, מאַגיסטראַטן און סיימיקעס. עס איז געפירט געוואָרן אַ לעבעדיקע קאָרעספּאָנדענץ מיט די אַלע יתומים-קאָמיסיעס, אין וועלכער עס זיינען געגעבן געוואָרן די ברייטסטע אויפקלערונגען אין דער הינזיכט.

דער פאַרבאַנד אין וואַרשע האָט איינגעלאַדן פאַר דער אַרבעט אַ ספּעציעלן פאָרשטייער דעם יוריסט י. בריאַנסקי, וועלכער האָט אויך באַזוכט ווילנע און אינטערוועניִרט ביי דער מאַכט.

וואָס איז שייך דער נאָוואָגרודקער וואָיעוואודסטווע האָט פיל מיטגעהאָלפן דער אַקציע דער אַדוואָקאַט א. גומענער, וועלכער האָט דאַן שוין געוואוינט אין אין נאָוואָגרודאָק.

אין רעזולטאַט פון דעם אַלעם זיינען דורך פאַרשיידענע סיימיקעס און מאַגיסטראַטן אָפּגעלאָזן געוואָרן סכומים אויף די הצטרכותן פון די יידישע יתומים, דערהויפט אָבער פאַר אַנשטאַלטן (אויף פריוואַטע אַדאָפּטאַציע זיינען כמעט קיין שום אַסיגנירונגען ניט געגעבן געוואָרן). אמת, מען קען ניט אויפווייזן אויף גרויסע ציפער פון באַקומענע געלטער, פאַרקערט, לגבי די נויטן איז עס געווען אַ טפה בים.

נעמענדיק, אָבער, אין אַכט, אַז אין דער פּראַקטיק פון דער מלוכה און שטאָטישע אַנשטאַלטן איז עס געווען דער ערשטער פּרוב, פאַר אַ טייל גמינעס איז עס בכלל געווען אַ נייס און צוגעבנדיק דערביי, אַז די יידישע עסקנים אין דער פּראָווינץ זיינען אַדאַנק דער דאָזיקער אַרבעט אַלץ מער אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער פאַרטיידיקונג פון די דרינגענדע נויטן און גערעכטע פאָדערונגען אין די באַטרעפנדע אינסטאַנצן, דאַרף מען רעכענען די רעזולטאַטן פאַר מער-ווייניק באַפרידיקנדע *).

II. גרעסערע רעזולטאַטן זיינען אין יענער צייט דערגרייכט געוואָרן אויפן וועג פון זאַמלען אייגענע מיטלען, דורך דער אַפּעלירונג צו דער יידישער באַפעלקערונג וועגן שטיצן די עלנטע יתומים.

אַדאַנק דעם „פאַרבאַנד" איז ערלויבט געוואָרן אַ זאַמלונג פאַר יתומים אין גאַנץ פוילן און עס איז באַשטימט געוואָרן אַ יתומים-וואָך אין משך פון 2-טן ביזן 31-טן יאַנואַר 1925.

דער ציל פון דער זאַמלונג איז געווען פּאָפּולאַריזירן די יתומים-אַקציע, שאַפן מיטגלידער פאַר די באַזונדערע יתומים-געזעלשאַפטן און זאַמלען די געהעריקע מיטלען פאַר דער אַקציע.

„יעקאָפּאָ" האָט אָרגאַניזירט די זאַמלונגען מיט דעם געהעריקן ערפאָלג. האָט צונויפגעקליבן פּראָפּאָרציאָנעל — לגבי די אַנדערע צענטראַלעס פון פוילן — די גרעסטע סומע ביי די מינימאַלסטע אויסגאַבן.

אַ גאַנצע ריי מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע און פּלענום פון „יעקאָפּאָ"

*) אַ געוויסע סומע (2.250 זל.) האָט „יעקאָפּאָ" אין די יאָרן 1928—1929 באַקומען דירעקט פון סוּועניצאַנער סיימיק אַדאַנק דער מיטהילף פון פּרטיקן פּאַרטרעטער י. הורדוס (ניי-סווענציאַן).



האָבן זיך געשטעלט אין דינסט פון דער אַקציע. אין צענדליקער פאַרזאַמלונגען און מיטינגען איבערן גאַנצן שטח פון טעטיקייטס-געביט זיינען מיט מעשים און וואָרט פּראָקלאַמירט און פּאָפּולאַריזירט געוואָרן די אויפגאַבן און צילן פון דער יתומים-פאַרזאָרגונג.

דורך די ח"ח שאַליט, יעווזעראָוו, קליאָנסקי, וואַלק, אַנטאָוויל, עליאַסבערג, (קאַרעליטש), מוקאַסיי (באַראַנאָוויטש), קאַפּלאַן (סלאָנים) זיינען אַיינגעאָרדנט געוואָרן פאַרלעזונגען, בלימל-טעג און אַנדערע פאַראַנשטאַלטונגען.

אין רעזולטאַט איז צענויפגעזאַמלט געוואָרן אַ סומע פון 10.279 זל. (איבער 2000 דאָלאַר אין יענע צייטן) אין 51 שטעט און שטעטלעך פון ווילנער, נאָוואָגרודקער, סלאָנימער און באַראַנאָוויטשער געגנט. — די שטאָט ווילנע ניט אַריינגערעכנט.

אַ צווייטן מאָל האָט זיך די זאַמלונג איבערגעחזרט אָנהייב 1926.

צוליבן קריזיס-יאָר איז שוין דאָס מאָל דורכגעגאַנגען די זאַמלונג מיט ווייניקער פּרסום.

עס איז צירקולאַריש פונאַנדערגעשיקט געוואָרן אַן אויפרוף צו די קהילות און קאָמיטעטן אין געגנט וועגן די באַפאָרשטייענדיקע זאַמלונג און אַ רוף צו פאַרגרעסערן די הכנסות.

די רעזולטאַטן זיינען אויף דאָס מאָל פאַרהעלטניסמעסיק געווען באַפרידיקנדע (6.657 זלאָטעס).

אין יאָר 1927 האָט די יתומים-וואָך פון „יעקאָפּאָ" געגעבן ריינע הכנסה 8512 זלאָטעס און אין יאָר 1928—3372 זל.

חוץ דעם האָבן אַ גאַנצע ריי אָרטיקע קאָמיטעטן פּאַקטיש איבערגענומען אויף זיך די אויסהאַלטונג פון דעם גרעסטן טייל יתומים אויף די ערטער.

ווען מיר באַטראַכטן די שווערע לאַגע אין ווילנער געגנט, די קריזיס-יאָרן און מאַנגל און דער עלעמענטאַרער הצטרכות פון יחיד, קומען מיר ווידער צו דער אָפּשאַצונג, אַז די רעזולטאַטן ווי קליין זיי זאָלן ניט זיין אין מאַטעריעלן זין אין פאַרגלייך מיט די באַדערפענישן, זיינען זיי דאָך געווען אַן אויסדרוק פון פולן אָנערקענען די נויטן פון די יתומים, פאַר וועמען ער איז אָפטמאָל אָפּגעגעבן געוואָרן דאָס לעצטע.

ט.

## באַראַנאָוויטש—סלאָנימער ראַיאָן.

אַז מיר האָבן גערעדט וועגן „יעקאָפּאָ"-געביט, האָט עס געהייסן דער גאַנצער שטח פון ווילענשציזנע און אַ גרויסער



טייל פון דער נאָוואָגרודקער געגנט. סוף יאָר 1924 האָט זיך דער שטח פון דער יתומים-טעטיקייט ביי „יעקאָפּאָ" שטאַרק פאַרגרעסערט, דהיינו: עס איז פאַראייניקט געוואָרן מיטן „יעקאָפּאָ"-געביט דער באַראַנאָוויטש-סלאָנימער ראַיאָן.

ביז דער אויבנדערמאָנטער דאַטע איז דער באַראַנאָוויטש - סלאָנימער ראַיאָן געווען אַיינגעשלאָסן אין ביאַליסטאָקער טעטיקייט-געביט. צוליב יורידישע ווי אויך טיילווייז אָרגאַניזאַציאָנעלע טעמים איז געווען נויטיק צו מאַכן די ענדערונג און די אַרבעט אין דעם ראַיאָן איז איבערגעגאַנגען, ווי געזאָגט, אונטערן רשות פון „יעקאָפּאָ".

אין געביט פון סלאָנימער קרייזן זיינען אַריין פאָלגנדע שטעטלעך: סלאָנים, זשעטל, ביטען, דערעטשין,— ס"ה 4 פונקטן מיט 365 יתומים.

אין באַראַנאָוויטשער קרייז זיינען אַריין: נעסוויזש, סטאָלפּצי, האָראָדזיי, מיר, ליאַכאָוויטש, באַראַנאָוויטש, סווערזשען, מוש, סטאָלאָוויץ, פּאָלאַנקע, סיניאַוועקע, סנאָוו,— ס"ה 12 פונקטן מיט 296 יתומים. אַלזאָ איןביידע קרייזן א צאָל פון 661 יתומים.

אין ביידע ערטער הן אין באַראַנאָוויטש והן אין סלאָנים האָט זיך די אַרבעט פאַר יתומים-פאַרזאָרגונג קאָנצענטרירט ביי די יידישע קהילות. שאַפנדיק קרייז-קאָמיסיעס, האָבן די קהילות געשטעלט אין דער שפּיץ טיכטיקע פאַרוואַלטערס, ווי די ה"ה מ. קאַפּלאַן און גאָלדבערג אין סלאָנים און מ. מוקאַסיי און באַראַנאָוויטש.

די אַרבעט, וועלכע איז לכתחילה געווען קאָנצענטרירט דער עיקר אויף באַשפּייזונג און באַקליידונג, האָט זיך ביסלעכווייז, אונטער דער דירעקטער השפעה פון „יעקאָפּאָ", פאַרנומען אַלץ מער מיט דער פּראָדוקטיווערער פאָרם פון אַיינאָרדענען די קינדער ביי פאַכן. אויך די שול-בילדונג איז פאַרצווייגטער געוואָרן.

מען דאַרף נאָך צוגעבן, אַז אין סלאָנים געפינט זיך אַ יתומים-אינטערנאַט אויף 45 קינדער, אין וועלכן עס פירט זיך אַ מוסטערהאַפטע אָרדענונג.

אין פּראָווינץ זיינען אונטערגענומען געוואָרן פון צייט צו צייט באַזוכונגען אַממערסטן דורך די פאָרשטייער פון די קרייז-קאָמיסיעס און אויך דורך די פאַרשטייער פון געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ".

עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז די גאַנצע סיסטעם פון דער אָנגעהויבענער רעדוקציע האָט אויך ניט אויסגעמיטן די געגנט און אויך דאָ ווי אין ווילנער-

נאָוואָגרודקער געגנט איז געפירט געוואָרן אַ בהדרגהדיקע רעדוקציע פון דער שטיצע, כדי צו פאַרענדיקן די אַרבעט מיט געוואונטשענע רעזולטאַטן.

י.

## דער מצב פון דער יתומים-אַרבעט אין די לעצטע יאָרן.

פון די פריערדיקע קאַפּיטלען איז קלאָר, אַז די ווייטערדיקע טעטיקייט פון דער יתומים-אַרבעט האָט זיך געדאַרפט מצטמצם זיין, פאַרקירצן און פאַרשמעלערן. אַלץ איז געגאַנגען דערצו, אַז צו דעם אָנגעוויזענעם טערמין זאָל אויפהערן די שטיצע פון ד. ד. ק. און ממילא וואָלט אויך געקומען אַ סוף צו אַ גרויסן טייל טעטיקייט אויף דעם געביט.

מען דאַרף אונטערשטרייכן, אַז אין „פאַרבאַנד פון די יתומים-צענטראַלעס“ האָט מען זיך גאַנץ ערנסט באַצויגן צו דער פאָרשטייענדער ליקווידאַציע און מען האָט געזוכט מיטלען פאַר דער ווייטערדיקער אַרבעט. עס האָט ניט געקאָנט לייגן זיך אויפן שכל, אַז די אַרבעט, וועלכע איז מיט אַזויפיל מי און פּראָדוקטיוויטעט געפירט געוואָרן, זאָל גיין לאיבוד. עס איז, דעריבער, אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ גענויער פּלאַן פון ליקווידאַציע און עס זיינען רעזערווירט געוואָרן ספּעציעלע ליקווידאַציע-סומען, אַזוי אַז אַפילו באָכדעם, ווי די שטיצע וועט זיך פאָרמעל אויפהערן, זאָלן די לאָקאַלע צענטראַלעס נאָך האָבן מעגלעכקייטן פאָרצוזעצן די אַרבעט אויף אייגענער אחריות, ביז עס וועט דערפירט ווערן צו דעם, אַז די היגע יידישע געזעלשאַפטלעכקייט זאָל קענען, ווען אפילו אין אַ סך אַ קלענערן מאַסשטאַב און קלענערן טעמפּ, פאָרזעצן די אַרבעט.

וואָלטן די יאָרן געווען כתיקונן, וואָלטן אַלע אָנגעמערקטע פּלענער און פּראָיעקטן אויסגעפירט געוואָרן אין לעבן, וואָלטן פאַקטיש די ד. ד. ק. סומעס אויפגעהערט אין אַפּריל 1925, לויט דער אויסרעכענונג.

עס איז אָבער געווען ניט אַזוי: די שווערע בהלהדיקע יאָרן פון 1925—1926 האָבן זיך, ווי באַוואוסט, געלייגט ווי אַ שווערע כמאַרע אויף דער יידישער באַפעלקערונג. מיט זייער גרויזאַמקייט האָבן זיי דערמאָנט די יאָרן 1919—1920, ווען דער ד. ד. ק. האָט אָנגעהויבן זיין הילפס-אַרבעט אין פּוילן.

דער הילפס-געשריי פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פּוילן האָט זיך איבעראַנייס דערטראָגן מעבר לים און די אַלגעמיינע הילפס-אַקציע, וועלכע איז באַנייט געוואָרן אויף פאַרשיידענע געביטן פון יידישן לעבן אין פּוילן, האָט אויך ניט אויסגעמיידט די אַרבעט פאַר יתומים.

מיט אויפגעפרישטע כחות און דאָפּלטער ענערגיע איז דער פאַרבאַנד צוגעטראָטן צו אַ באַנייטער טעטיקייט.

אין „יעקאָפּאָ“-געביט האָט ווידער גענומען קלאַפּן ענערגישער דער דופק פון דעם געזעלשאַפטלעכן אויפברויז פאַרן עלנטן קינד.

אָן איבעררעגיסטרירונג פון אַלע יתומים, מלחמה-יתומים — לאו דוקא, איבערקאָנסטרואירונג פון די יתומים-קאָמיסיעס — איז געווען דער געבאָט פון דער צייט.

די גרעסטע אויפמערקזאַמקייט איז וואָס ווייטער אַלץ מער אָפּגעגעבן געוואָרן אויף דער פאַך-אויסבילדונג פון די קינדער און אין דער הינזיכט איז „יעקאָפּאָ“ תמיד געגאַנגען אויפן ערשטן אָרט.

„יעקאָפּאָ“ האָט קאָנצענטרירט אַ גרויסע צאָל קינדער אין ווילנע, וועלכע זי האָט געבראַכט פון די פאַרוואָרפנסטע פּראָווינץ-שטעטלעך, וואו ס'זיינען ניטאָ ניט קיין שולן און ניט קיין מייסטערס, און האָט זיי דאָ אָפּגעגעבן אין פּראָפעסיאָנעלע שולן, וואַרשטאַטן און ביי גוטע פּריוואַטע בעל-מלאכות.

די דערמאָנטע אויבן (ז. 247) וואַרשטאַטן אין אָשמענע, סמאָרגאָן, גלובאָקע און לידע האָבן אויפגעהערט צו עקסיסטירן און די באַדערפעניש צו ברענגען די פּראָווינציעלע קינדער קיין ווילנע מיטן צוועק אויסצובילדן זיי אין אַ פאַך איז געוואָרן נאָך דרינגענדער. „יעקאָפּאָ“ האָט דאָ ערפילט איר אויפגאַבע אין דער מאַקסימאַלער מאָס, אויף וויפיל דאָס איז איר נאָר געווען מעגלעך.

אַ גרויסער איבערברוך אין דער אַרבעט איז פאָרגעקומען אין לעצטן יאָר 1928—1929.

צום 1-טן יאַנואַר 1929 האָט זיך די שטיצע פון ד. ד. ק. אויפן נאָרמאַלן ביודזשעט שוין טאַקע אינגאַנצן אָפּגעשטעלט. ס'זיינען נאָר אַרויסגעבן געוואָרן געוויסע שטיצעס אויף ספּעציעלע צוועקן, בתוכם אויך אויף אַריבערגעפירטע קינדער פון די קלענערע פונקטן אין שטאָט צוליב פאַך-אויסבילדונג.

אין דער זעלבער צייט איז גראָד די עקאָנאָמישע לאַגע אין ווילנער געגנט געוואָרן אויסערסט שלעכט. אַ האַלבע געגנט (די פּאָוויאַטן דיסנער, בראַסלאַווער, סווענציאַנער און פּאָסטאַווער) האָט אין יאָר 1929 ממש געהונגערט צוליב דער אומגערעטעניש אין משך פון די לעצטע צוויי יאָר. אויך אין די איבעריקע פונקטן איז דער מאַטעריעלער מצב געווען זייער אַ שווערער.

אַ גרויסער אומגליק האָט געטראָפן מיט דער בליענדער שטעטל איוויע, וועלכע איז אינמיטן מאַי 1929 אינגאַנצן פאַרברענט געוואָרן צוזאַמען מיט אַלע אירע געזעלשאַפטלעכע בנינים און אַנשטאַלטן און בתוכם אויך מיטן יתומים-הויז.

„יעקאָפּאָ“ האָט זיך געמוזט צופּאַסן צום נייעם מצב און האָט פאַרווענדעט אַ סך פון איר ענערגיע און געלט-מיטלען אויף די מער נויטווענדיקע פונקטן און זייערע הצטרכותן.

גלייכצייטיק איז רעאָרגאַניזירט געוואָרן די גאַנצער יתומים-אַרבעט.

די פּריוואַטע אַדאָפּטאַציע איז פון אָנהויב יאָר 1929 אַריבער צו די אָרטיקע יתומים-קאָמיסיעס, קאָמיטעטן אָדער קהילות. „יעקאָפּאָ“ האָט מער אויף דעם צוועק קיין סובסידיעס ניט אַרויסגעגעבן.

פאַרקערט, די הויפּט-אויפמערקזאַמקייט און אַלע אָנשטרענגונגען פון „יעקאָפּאָ“ זיינען אין יאָר 1929 געווען אָפּגעגעבן אויף צו דערפירן צו אַ גליקלעכן סוף די פאַך-אויסבילדונג פון די קינדער, וואָס זיינען געבראַכט געוואָרן קיין ווילנע פון די פּראָווינציעלע שטעטלעך אין דער צאָל פון 150. די דאָזיקע זייער וויכטיקע פּראָדוקטיווע אַרבעט האָט איינגעשלונגען אָן אַ שיעור ענערגיע און כוחות און האָט געפאָדערט גרעסערע געלט-מיטלען. „יעקאָפּאָ“ האָט זיך אויך געווענדעט נאָך מיטהילף צו די איינצלנע שטעטלעך, אָבער צוליב דעם זייער שווערן עקאָנאָמישן מצב אין די פונקטן, הונגער, פאַרערעמונג און קריזיס, האָט די ווענדונג קיין גרעסערע רעזולטאַטן ניט געקענט ברענגען. בלויז אייניקע פונקטן האָבן צוגעשיקט געוויסע סומעס אַלס צושטייער פאַר די פאַך-קינדער. דערביי דאַרף מען באַמערקן, אַז אַ גרויסע צאָל קינדער איז גראָד געווען פון דער געגנט, וואָס האָט געהונגערט צוליב דער אומגערעטעניש.

די יתומים-אַנשטאַלטן אין אָשמענע, איוויע, לידע, סלאָנים און נאָוואָגרודאָק, ווי אויך די צוויי בורסעס אין נאָוואָגרודאָק „שוקדי מלאכה“ און די קרייז-קאָמיסיעס אין באַראַנאָוויטש און סלאָנים האָט „יעקאָפּאָ“ אויך ווייטער טובסידירט, הגם אין אַ פאַרקלענערטער מאָס.

דעם גרעסטן טייל פון זייערע בודזשעטן האָבן אָבער די אַנשטאַלטן, ווי אומעטום אין פּוילן, געשאַפן אויפן אָרט פון אייגענע זאַמלונגען און פון באַ-

דייטנדערע סובסידיעס מצד די קאָמונאַלע אינסטיטוציעס.

די מערהייט קינדער פון אָפּגעברענטן איוויער יתומים-הויז (אין דער ערשטער ריי די קיילעכדיקע יתומים) זיינען ביי אַ געוויסער סובסידיע פון „יעקאָפּאָ" און פאַרבאַנד איינגעאָרדנט געוואָרן אין די יתומים-הייזער פון לידע, נאָוואָגרודאָק און אָשמענע, וועלכע האָבן אַרויסגעוויזן אין מעשים זייער גרויסן מיטגעפיל צו די קרבנות פון דער קאַטאַסטראָפע.

אויף די איבעריקע געביטן פון דער יתומים-אַרבעט זיינען אויך ווייטער געפירט געוואָרן פון יאָר צו יאָר די זומער-קאָלאָניעס (אַריינגערעכנט ציעכאָצינעק), די אינוועסטירונג פון איניקע אַנשטאַלטן און די באַזאָרגונג מיט מכשירים, אין געוויסע פאַלן, פון די קינדער, וואָס האָבן געענדיקט דעם פאַך און זיינען געוואָרן זעלבשטענדיקע בעלי-מלאכות.

די ווייטערדיקע טאַבעלן אילוסטרירן גענויער די אַרבעט.

די ציפער באַווייזן די אַלגעמיינע צאָל יתומים, וואָס זיינען באַזאָרגט געוואָרן, די אַלגעמיינע בילדונג, די פאַך-בילדונג און די צאָל זעלבשטענדיק-געוואָרענע קינדער לויט די פאַכן.

און אונטערפירנדיק אַ סך-הכל, זעען מיר די טויזנטער שילער, די הונדערטער בעלי-מלאכות, צילבאַוואוסטע און דערמונטערטע, וואָס גיט די האָפענונג און דעם גלויבן, אַז די אַרבעט איז ניט אַוועק אומזיסט.

דעם לעצטן סך-הכל וועלן טאַקע מאַכן זיי: — די טויזנטער יתומים און יתומות, וואָס זיינען ממש געראַטעוועט געוואָרן פון אָפּגרונט און זיינען דערצויגן געוואָרן צו אַ געזונטן און פּראָדוקטיוון לעבן, אין וועלכן זיי זיינען אַריין מיט זייערע יונגע כוחות און וואָס אַנדערש וואָלטן זיי זיכער אומגעקומען פון הונגער, חושך און הפקרות *).

## סטאַטיסטישע ידיעות וועגן די יתומים, וואָס האָבן זיך געפונען אונטער דער אויפזיכט פון געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ" און זיינע אָרטיקע קאָמיטעטן.

### טאַבעלע נומ' 1. אַלגעמיינע צאָל יתומים.

| יאָר | צאָל | יינגלעך | מיידלעך | גאַנצע יתומים | האַלבע יתומים |
|---|---|---|---|---|---|
| 1919 | 1536 | — | — | — | — |
| 1923 | 754 | — | — | — | — |
| 1925 | 963 | 492 | 471 | 196 | 767 |
| 1926 | 1678 | 851 | 827 | 334 | 1344 |
| — 1927 | 2049 | 1066 | 983 | 437 | 1612 |
| 1928 | 2112 | 1081 | 1031 | 454 | 1658 |
| 1 יאַנואַר 1929 | 1994 | 1026 | 968 | 426 | 1568 |
| 1 יולי 1929 | **) 665 | 305 | 360 | 165 | 500 |

### טאַבעלע נומ' 2. עלטער פון די קינדער.

1 יאַנואַר 1929.

| אַלט | יינגלעך | מיידלעך | צוזאַמען |
|---|---|---|---|
| 7 יאָר | 38 | 44 | 82 |
| 8 „ | 35 | 36 | 71 |
| 9 „ | 34 | 34 | 68 |
| 10 „ | 58 | 55 | 113 |
| 11 „ | 76 | 79 | 155 |
| 12 „ | 105 | 111 | 216 |
| 13 „ | 155 | 161 | 316 |
| 14 „ | 172 | 170 | 342 |
| 15 „ | 263 | 204 | 467 |
| 16 „ | 90 | 74 | 164 |
| 16—7 יאָר | 1026 | 968 | 1994 |

1 יולי 1929.

| אַלט | יינגלעך | מיידלעך | צוזאַמען |
|---|---|---|---|
| 4 יאָר | 7 | 1 | 8 |
| 5 „ | 4 | 1 | 5 |
| 6 „ | 8 | 5 | 13 |
| 7 „ | 6 | 13 | 19 |
| 8 „ | 7 | 16 | 23 |
| 9 „ | 14 | 10 | 24 |
| 10 „ | 12 | 16 | 28 |
| 11 „ | 22 | 26 | 48 |
| 12 „ | 20 | 36 | 56 |
| 13 „ | 16 | 31 | 47 |
| 14 „ | 35 | 48 | 83 |
| 15 „ | 49 | 44 | 93 |
| 16 „ | 41 | 56 | 97 |
| 17 „ | 28 | 34 | 62 |
| 18 „ | 26 | 23 | 49 |
| 19 „ | 10 | — | 10 |
| 19—4 יאָר | 305 | 360 | **) 665 |

*) ווי ס'איז שוין אויבן באַמערקט געוואָרן, האָט זיך צום אָנהויב יאָר 1929 אָפּגעשטעלט די שטיצע פון ד. ד. ק. אויפן נאָרמאַלן ביודזשעט. דער ד. ד. ק. האָט אַרויסגעגעבן געוויסע געלטער אויף ספּעציעלע צוועקן (דער עיקר אויף אינוועסטיציעס), וועלכע זיינען אָבער צוליב דער שווערער מאַטעריעלער לאַגע אויף די ערשטער גרעסטנטיילס אַוועקגעשטעלט פאַקטיש פאַרטאָן געוואָרן פון יתומים-פאַרבאַנד אויפן נאָרמאַלן ביודזשעט. סוף יאָר 1929 האָט זיך בכלל בעזאָלם אָפּגעשטעלט יעטווידער שטיצע פון ד. ד. ק. שוין ניט נאָר אויפן געוויינלעכן אָדער נאָרמאַלן ביודזשעט (אויסהאַלטונג פּריוואַט אָדער אין אַנשטאַלטן, עסן, דירה, באַקליידונג, שכר-לימוד אויף אַלגעמיינע אָדער פאַך-בילדונג א. אַז. וו.), נאָר אויך אויפן ספּעציעלן ביודזשעט (אינוועסטיציעס, זומער-קאָלאָניעס א. אַז. וו.).

אָבער ווי דאָס האָט שוין ניט איינמאָל בעטראָפן אין דער געשיכטע פון „דזשוינט", איז אין נאָוועמבער 1929 געוואָרן באַוואוסט, אַז דער ד. ד. ק. זאָל ווייטער שטיצן, אָפּהענגיק פון דער נייער צאָלונג (דרייווו) אין אַמעריקע, לויט געוויסע אופנים (דער עיקר אינוועסטיציעס און ספּעציעלע אויסגאַבן, אין אַ קליינער מאָס — אויך דעם נאָרמאַלן ביודזשעט), די יתומים-אַרבעט אויף די דריי יאָר 1930—1931—1932 (וואָס פון יאָר אַלץ ווייניקער). אויף אַזאַ אופן איז אויך לויט די נייע אופנים דער ווייט-גרעסטער טייל פון ביודזשעט איבערגעבליבן געוואָרן צום דעקן פאַר דער אָרטיקער באַפעלקערונג.

ר ע ד.

**) פאַרקלענערט לגבי דעם 1-טן יאַנואַר צוליב דער רעאָרגאַניזאַציע פון דער אַרבעט, ווי ס'איז אָנגעוויזן אויף דער זייט 273.

## טאַבעלע נומ׳ 3. יתומים-הייזער און בורסעס.

1 יאַנואַר 1929.

| שטאָט | צאָל קינדער | יינגלעך | מיידלעך | גאַנצע יתומים | האַלבע יתומים |
|---|---|---|---|---|---|
| 1. אַשמענע . . . . . . . | 30 | 15 | 15 | 13 | 17 |
| 2. איוויע . . . . . . | 22 | 9 | 13 | 7 | 15 |
| 3. לידע . . . . . . . | 31 | 11 | 20 | 10 | 21 |
| 4. נאָוואָגרודאָק . . . . | 27 | 8 | 19 | 14 | 13 |
| 5. סלאָנים . . . . . . | 45 | 12 | 33 | 14 | 31 |
| 6. נאָוואָגרודאָק: 2 בורסעס | 23 | 10 | 13 | 10 | 13 |
| בסך-הכל . | 178 | 65 | 118 | 68 | 110 |

1 יולי 1929.

| שטאָט | צאָל קינדער | יינגלעך | מיידלעך | גאַנצע יתומים | האַלבע יתומים |
|---|---|---|---|---|---|
| 1. אַשמענע . . . . . . . | 37 | 16 | 21 | 12 | 25 |
| 2. איוויע . . . . . . . | אָפּגעבראַכט (ז. זייט 273) | | | | |
| 3. לידע . . . . . . . . | 36 | 13 | 23 | 10 | 26 |
| 4. נאָוואָגרודאָק . . . . | 29 | 10 | 19 | 14 | 15 |
| 5. סלאָנים . . . . . . . | 42 | 14 | 28 | 10 | 32 |
| 6. נאָוואָגרודאָק: 2 בורסעס | 23 | 10 | 13 | 10 | 13 |
| בסך-הכל . | 167 | 63 | 104 | 56 | 111 |

## טאַבעלע נומ׳ 4. פאַך-בילדונג.

ס׳האָבן זיך געלערנט מלאכה:

| יאָר | צאָל קינדער | ביי פּריוואַטע מייסטערס | | אין פאַך-שולן | | צוזאַמען | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | | יינגלעך | מיידלעך | יינגלעך | מיידלעך | יינגלעך | מיידלעך |
| 1927 | 537 | 241 | 221 | 53 | 22 | 294 | 243 |
| 1928 | 564 | 239 | 208 | 72 | 45 | 311 | 253 |
| 1929 : 1 יאַנואַר | 478 | 219 | 164 | 39 | 56 | 258 | 220 |
| 1929 1 יולי | 274 | 83 | 102 | 55 | 34 | 138 | 136 |

## טאַבעלע נומ׳ 5.

### צאָל זעלבשטענדיק-געוואָרענע קינדער פאַר דער גאַנצער צייט (5 יאָר, צום 1 יולי 1929) לויט די פאַכן *).

| פאַך | יינגלעך | מיידלעך | בסך-הכל |
|---|---|---|---|
| 1. שניידער . . . . . | 166 | 213 | 379 |
| 2. שוסטער . . . . . | 69 | — | 69 |
| 3. סטאָלער . . . . . | 65 | — | 65 |
| 4. שלאָסער . . . . . | 61 | — | 61 |
| 5. וועש-נייטערינס . . . | — | 33 | 33 |
| 6. שטעפּער . . . . . | 26 | — | 26 |
| 7. קירזשנער . . . . . | 17 | 1 | 18 |
| 8. פריזירער . . . . . | 13 | — | 13 |
| 9. בלעכער . . . . . | 8 | — | 8 |
| 10. מאָלער . . . . . . | 7 | — | 7 |
| 11. פאָטאָגראַפן . . . . | 6 | — | 6 |
| 12. שמידן . . . . . . | 3 | — | 3 |
| 13. בעקער . . . . . . | 3 | — | 3 |
| 14. מעכאַניקער . . . . | 2 | — | 2 |
| 15. איינבינדער . . . . | 2 | — | 2 |
| טראַנספּאָרט . . | 448 | 247 | 695 |
| טראַנספּאָרט . . | 448 | 247 | 695 |
| 16. צאָן-טעכניקער . . . | 2 | — | 2 |
| 17. האַנדלס-אָנגעשטעלטע | 2 | — | 2 |
| 18. עלעקטראָ-טעכניקער | 2 | — | 2 |
| 19. זייגערמאַכער . . . . | 1 | — | 1 |
| 20. טופּיצער . . . . . | 1 | — | 1 |
| 21. זאָקן-מאַכערינס . . . | — | 1 | 1 |
| 22. סופרים . . . . . . | 1 | — | 1 |
| 23. זעצער . . . . . . | 1 | — | 1 |
| 24. האַפטערינס . . . . | - | 1 | 1 |
| 25. מולער . . . . . . | 1 | — | 1 |
| 26. פוצנמאַכערינס . . . | — | 1 | 1 |
| 27. שטעמפּל-מאַכער . . . | 1 | — | 1 |
| אַנדערע . . . . . . | — | 3 | 3 |
| בסך-הכל . | 460 | 253 | 713 (* |

*) צום 1-טן אָקטאָבער 1929 האָבן געענדיקט זייערע פאַכן און זיינען געוואָרן זעלבשטענדיק נאָך 51 קינדער (שניידערינס — 19, שלאָסער — 16, סטאָלער — 5, שניידער — 3, טעכניקער — 2, סעמינאַריסטינס — 2 און צו 1 מאָלער, בעקער, פאָטאָגראַף און שטעפּער; יינגלעך — 30, מיידלעך — 21), צוזאַמען 764 קינדער. פאַרבליבן נאָך לערנען אין די פאַך-שולן און ביי פּריוואַטע מייסטערס אין ווילנע (פון די געבראַכטע דורך „יעקאָפּאָ" קיין ווילנע פּראָווינציעלע קינדער) אויף צו ענדיקן דעם פאַך אין יאָר 1930 — 65 קינדער. בסך-הכל וועט, אַלזאָ, באַטרעפן די צאָל זעלבשטענדיק-געוואָרענע קינדער, דורך דער „יעקאָפּאָ"-פאַרזאָרגונג, צום 1 יולי 1930 — 829 פּראָווינציעלע קינדער, וואָס האָבן פאַרענדיקט זייער פאַך-אויסבילדונג הן אין ווילנע והן אויף ידי ערטער.

י. וואַלק

# עמיגראַציע-אַרבעט זינט דער גרינדונג פון „יעאַס"



ווי אין דער גאַנצער אַרבעט פון „יעקאָפּאָ" פאַר די 10 יאָר צייט, איז אויך אויפן עמיגראַציע-געביט פאַראַן צו פאַרצייכענען צוויי תקופות אין איר טעטיקייט.

די ערשטע תקופה, וועלכע איז אויבן גאַנץ געניי באַשריבן געוואָרן אין אַרטיקל פון פ. אַנטאָוויל (זייטן 109—126), נעמט אַרום די יאָרן 1920—1924. דער צווייטער פּעריאָד הויבט זיך אָן פון יאָר 1925 און אַנטוויקלט זיך ביז אויף הייַנטיקן טאָג.

דער ערשטער פּעריאָד — איז געווען די תקופה פון אָרגאַניזירן די רויע און צופּלאָסענע עמיגראַנטן-מאַסע אין צילבאַוואוסטע וועגן. אַלץ איז געווען פּריש, אַלץ ניי. אַנדערש וואָלט די עמיגראַנטן-כוואַליע צעשוואומען געוואָרן אין כאַאָס און עקספּלאָאַטירט געוואָרן פון הונדערטער אַגענטן און מאַכערס, וועלכע האָבן געליערט פון אַלע זייטן.

דאָס איז געווען אין די ערשטע נאָךמלחמה יאָרן, ווען חוץ די עמיגראַנטן פון ווילנער געביט, — האָבן זיך נאָך אַ לאָז געטאָן פון רוסלאַנד כל המינים פאַרוואָגלטע נפשות, וועלכע האָבן געלעכצעט נאָך אַן אָפּרו און געשטרעבט צו פאַרבינדן זיך מיט זייערע פאַמיליעס אין אַמעריקע, מיט וועלכע זיי זיינען געווען צעשיידט באַלד 10 יאָר.

אָט די תקופה קען אייגנטלעך אויך אָנגערופן ווערן די אַ מ ע ר י ק אַ נ ע ר תקופה. עס קען אויסווייזן פון ערשטן בליק, אַז קיין אַנדערע לענדער אויף דער וועלט חוץ צפון-אַמעריקע האָבן בכלל ניט עקסיסטירט. אַלץ האָט געשטרעבט אַהין. דער גאַנצער געדאַנק און פאַרלאַנג איז געווען ווי אַזוי אַריינצודרינגען אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

דאָס פּאַקטישע שליסן די טויערן פון אַמעריקע דורך דער איינפירונג פון אַ קוואָטע אין מיטן יאָר 1924, האָט אַלזאָ צערודערט די מוחות און צונישט געמאַכט די חלומות און חשבונות פון פיל עמיגראַנטן און ערב-עמיגראַנטן פאַמיליעס.

דער שאַרפער עקאָנאָמישער קריזיס, וועלכן עס האָט צו יענער צייט איבערגעלעבט די ווילנער געגנט (ווי בכלל גאַנץ פּוילן), האָט געבראַכט דערצו, אַז דער עמיגראַציע-פיבער האָט זיך פאַרדאָפּלט און פאַרפילפאַכט.

אַמעריקעס פּלאַץ האָט דאַן פאַרנומען א ר ץ - י ש ר א ל. עס האָט זיך אַהיז



אָנגעהויבן אַ שטראָמיקע עמיגראַציע, וועלכע האָט זיך נאָכדעם קונה-שם געווען אַלס די „פערטע עליה". און הגם דער אינטערעס צו ארץ-ישראל איז דאַן געווען אין סאַמע ברען, — יענעם יאָר האָבן אין ארץ-ישראל אימיגרירט קרוב צו 37 טויזנט יידן, — דאָך האָבן שוין אַ באַדייטנדע צאָל עמיגראַנטן גענומען אינטערעסירן זיך מיט אַנדערע לענדער חוץ פּאַלעסטינע.

---

סוף דעצעמבער 1924 איז פאָרגעקומען אַן אָרגאַניזאַציאָנעלער איבערבוי פון דער עמיגראַציע-אָפּטיילונג פון „יעקאָפּאָ". צו יענער צייט האָט זיך געגרינדעט אין וואַרשע לויט דער איניציאַטיוו פון די פאַרטרעטער פון אַמעריקאַנער „היאַס" און אָרטיקע טוער ה"ה לעאָן לעוויטע, משה שאַליט, ד"ר מ. זילבערפאַרב א. א. די יידישע צענטראַלע עמיגראַציע-געזעלשאַפט אין פּוילן, וועלכע איז עד-היום פּאָפּולער צווישן דער יידישער באַפעלקערונג מיטן פאַרקירצטן נאָמען „יעאַס" *).

„יעאַס" האָט געעפנט פאַרשיידענע אָפּטיילונגען אין דער פּראָווינץ. די עמיגראַציע-אָפּטיילונג פון „יעקאָפּאָ" איז אַלזאָ, פאָרמעל געוואָרן אַן אָפּטיילונג

---

*) די גרינדונג פון „יעאַס" האָט געדויערט אַ לענגערע צייט און איז געווען אַ רעזולטאַט פון אַ גאַנצער ריי באַראַטונגען מצד די טוער פון די געזעלשאַפטן, וואָס האָבן געפירט אַן עמיגראַציע-אַרבעט.

אין יאָר 1923 האָט זיך צוערשט געבילדעט אַ פאַראייניקטער גרינדונגס-קאָמיטעט פון פאַרשטייער פון די פאָלגנדע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס, וואָס זיינען געווען טעטיק אויפן געביט פון ייד. עמיגראַציע אין פּוילן: „היאַס", נאַציאָנאַל-ראַט, אוקראַינער קאָמיטעט, פּאַלעסטינע-אַמט (וואַרשע), „יעקאָפּאָ" (ווילנע) און „רעטונגס-קאָמיטעט" (לעמבערג). דעם דאָזיקן פאַראייניקטן קאָמיטעט האָט דער אַמעריקאַנער „היאַס" מיט זיין דעמאָלטיקן פאַרטרעטער ה' לעווין-עפּשטיין בראש איבערגעגעבן זיין עמיגראַציע-אַרבעט אין פּוילן.

דעם 15-טן יאַנואַר 1925 איז אין וואַרשע פאַרגעקומען אַן עמיגראַציע-קאָנפערענץ, וועלכע האָט אויסגעוויילט אַן עקזעקוטיווע און ראַט פון דער געזעלשאַפט און דער גרינדונגס-קאָמיטעט האָט אָפּגעטראָטן זיין אָרט פאַר „יעאַס".

דער סטאַטוט פון „יעאַס" איז לעגאַליזירט געוואָרן אין יאָר 1924.

שפּעטער, אָנהויב 1927, איז פאָרגעקומען אַן א ל ו ע ל ט ל ע כ ע יידישע עמיגראַציע-פאַראייניקונג פון „היאַס", יק"א און „עמיגדירעקט" (אין דעם אויך פון „יעאַס") אונטערן נאָמען „היקעם".

ר ע ד.



פון „יעאַס". אַלס אַזאַ איז די ווילנער אָפּטיילונג טעטיק ביז הייַנטיקן טאָג. למעשה, אָבער, האָט זיך קיין זאַך ניט געביטן, קיינע שנויים זיינען ניט פאָרגעקומען און די עמיגראַציע-אַרבעט ווערט געפירט ווי שטענדיק ביי „יעקאָפּאָ".

ווי געזאָגט אויבן ווערט דער יאָר 1925 פאַרנאָטירט ביי אונז אַלס אַ התחלהיאָר פון אַ צווייטן פּעריאָד אין דער אַרבעט אויפן עמיגראַציע-געביט, — אַ פּעריאָד פון אַן אינטענסיווער און אימפּולסיווער עמיגראַציע-טעטיקייט.

פון דער וויטערדיקער טאַבעלע איז צו זען, אַז אין יאָר 1925 האָבן באַזוכט אונזער ביוראָ 1357 ראשי-המשפחה. לויט אונזער מיינונג איז דאָ אָבער ניט אַזוי וויכטיק די צאָל באַזוכער, וועלכע איז אגב זייער אַן אימפּאָזאַנטע, נאָר דער עיקר דער „וואוהין" — די צאָל לענדער, וועלכע זיינען גענומען געוואָרן אין באַטראַכט פון יידישן וואַנדערער.

אַזוי זעען מיר צום ערשטן מאָל אין דער טעטיקייט פון „יעקאָפּאָ", ווי עס איז געניי אילוסטרירט אין די ווייטערדיקע טאַבעלן, — אַן ערנסטע פאַראינטערעסירונג אין יאָר 1925 מיט אַרגענטינע און בראַזיליע, קאַנאַדע און מעקסיקע, פראַנקרייך און רוסלאַנד, דרום-אַפריקע און אַנדערע לענדער, בסך-הכל 26 מדינות אין דער גאָרער וועלט.

די עמיגראַציע-אַרבעט האָט זיך פונאַנדערגעוואַקסן. די רעזולטאַטן זיינען וואָס אַ יאָר ווייטער אַלץ בולטער און ממשותדיקער.

אין יאָר 1925 האָבן די ביוראָ באַזוכט 1357 עמיגראַנטן, אין יאָר 1926 — 2745 עמיגראַנטן, אין יאָר 1927 — 2718 עמיגראַנטן, אין יאָר 1928 — 2659 עמיגראַנטן און אין די 6 חדשים פון יאָר 1929 — 1729 עמיגראַנטן. די אַלע ציפערן זיינען נוגע נאָר די ראשי-המשפחות.

פון די אויבנדערמאָנטע טאַבעלן איז צו זען, אַז בעת אין יאָר 1925 האָבן זיך געווענדעט 1357 נייע עמיגראַנטן, האָט די צאָל אין יאָר 1926 דערגרייכט ביז 2745, ד. ה. געשטיגן אויף גאַנצע 1388 משפחות. אין די ווייטערדיקע צוויי יאָר מערקט זיך ניט קיין שטייגערונג און די צאָל וואַקלט זיך צווישן 2660—2720. פאַרקערט, עס מערקט זיך נאָך עפּעס אַ פאַרקלענערונג פון יאָר צו יאָר. אָן אויסנאַם וועט מסתמא זיין דער יאָר 1929, וועלכער ווייזט סימנים, אַז די

צאָל וועט דערגרייכן איבער 3000 עמיגראַנטן-פאַמיליעס.

די סיבה, וואָס האָט גורם געווען דערצו, איז בלי-ספק די טענדענץ פון די אימיגראַציע-לענדער צו פאַרמאַכן זיך פאַרן עמיגראַנט. אַזוי זיינען מיר געווען די לעצטע יאָרן עדות פון פיל גזרות און חומרות מצד די מלוכות פון די איינוואַנדערונגס-לענדער בנוגע עמיגראַנטן בכלל און יידישע בפרט.

גאָר אַן אַנדער בילד באַקומט זיך אָבער, ווען מען באַקאַנט זיך מיט דער צאָל אויסגעאַרבעטע פּעסער און אָפּגעפאָרענע אין די אימיגראַציע-לענדער. פון דער באַטרעפנדער טאַבעלע איז צו זען, אַז בעת אין יאָר 1925 זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן 83 פּעסער, זיינען אין יאָר 1926 אויסגעאַרבעט געוואָרן 379 פּעסער, אין יאָר 1927 — 603 פּעסער, אין יאָר 1928 — 715 פּעסער און אין דעם האַלב יאָר פון 1929 — 596 פּעסער, — כמעט אַזויפיל וויפיל אין גאַנצן יאָר 1928

מיט אַנדערע ווערטער: אין יאָר 1925 האָבן נאָר 6 פּראָצ. פון די פּעטענטן פאַרווירקלעכט זייער פאַרלאַנג, אויסגעאַרבעט זיך פּעסער און אָפּגעפאָרן. אין יאָר 1926 שטייגט שוין די צאָל ביז 14 פּראָצ., אין יאָר 1927 — 22 פּראָצ., אין יאָר 1928 — 27 פּראָצ. און אין האַלב יאָר 1929 דערגרייכט שוין די אָפּגעפאָרענע צאָל פון די פאַקטישע עמיגראַנטן די ציפער פון 34 פּראָצ. פון אַלע ווענדונגען אין אונזער ביוראָ וועגן עמיגרירן.

די לעצטע ציפער פירן אַרויף אויף טרויעריקע, גאָר טרויעריקע מחשבות. זיי אילוסטרירן בולט די אַלץ וואַקסנדיקע קאַטאַסטראָפאַלע לאַגע אין עקאָנאָמישער היגזיכט, וועלכע עס לעבט איבער די יידישע באַפעלקערונג פון אונזער קאַנט. די טאַבעלע ווייזט באַשייַנפּערלעך, אַז אין די פריערדיקע יאָרן פלעגט מען זיך ווענדן אַממייסטן מיטן צוועק צו זאָנדירן דעם באָדן, שלאָגן זיך מיט דער דעה — יאָ עמיגרירן אָדער ניט. אויף דעם טאָג מיטלסלעבן איז משמעות נאָך געווען.

שפּעטער אָבער איז ניט פאַרבליבן קיין צייט אויף גרויסע ישוב-הדעתן, די לאַגע האָט געדריקט, אויסזיכטן אויף פאַרבעסערונג האָבן זיך ניט געזען. האָט מען פאַרקלערט צו עמיגרירן — איז אומר ועושה — גערעדט און געטאָן.

---

די עקאָנאָמישע לאַגע איז אין די לעצטע יאָרן געווען וואָס ווייטער אַלץ אומדערטרעגלעכער. די פאַרשפּרייטע קריסטלעכע קאָאָפּעראַטיוון רייסן בהדרגהדיק אַרויס דעם קליינהאַנדל פון יידישע הענט. אויך די שטאַט-פּאָליטיק פון דער מלוכה האָט שווער אָפּגערופן זיך אויף דעם אונטערנעמונגס - גייסט פון יידישן סוחרטום. דאָס אַלץ האָט שעדלעך געווירקט אויך אויף דעם יידישן בעל-מלאכה און די רעזולטאַטן פון דעם איז אַ נערוועזע שטימונג און בהלהדיקער דראַנג צום עמיגרירן.

ווי עס איז צו זען פון די ווייטערדיקע טאַבעלן האָט זיך געווענדעט אין דער עמיגראַציע-אָפּטיילונג י ו נ ג, כמעט יינגלעך, און אַ ל ט — גרייז גרויע זקנים. אַלע קלאַסן פון דער באַפעלקערונג. צווישן זיי בעלי-מלאכות און אַרבעטער, אָנגעשטעלטע און סוחרים - לייט, ערד-אַרבעטער און מענטשן פון פרייע פּראָפעסיעס. ווייטער גייען סתם דעקלאַסירטע. אַן עם רב.

וואוהין האָט געשטרעבט דער וואַנדערער? — על פי רוב איז עס געווען אָנגעצייכנט פון פריער. די יידישע עמיגראַציע קען בכלל כאַראַקטעריזירט ווערן אַלס קרובים-עמיגראַציע. מען שרייבט זיך אויף מיט קרובים, מיט באַקאַנטע, מיט פריינד. אָבער אָפטמאָל דערגייען אויך ידיעות פון אַ שכן אָדער פון אַ ווילד-פרעמדן, אַז אין דעם און דעם לאַנד קען מען מאַכן אַ לעבן. אויף אַזאַ אופן זיינען פאַרפּיקסירט געוואָרן אין דער עמיגראַציע-אָפּטיילונג 47 לענדער, מיט וועלכע יידישע עמיגראַנטן האָבן זיך אינטערעסירט. עס איז, אָבער, אויך פאַרנאָטירט געוואָרן די גרויסע צאָל פון 569 עמיגראַנטן, וועלכע האָבן ניט געוואוסט לכתחילה וואוהין צו עמיגרירן און געקומען זיך אַן עצה האַלטן, אין וועלכן לאַנד צו פּרובן זייער מזל, וואוהין צו לאָזן זיך אין ווייטן וועג.

און דער וועג איז געווען און איז עד-היום אַ שווערער און פול מיט שטרויכלונגען. די טויערן פון יעדן לאַנד ווערן וואָס פון טאָג אַלץ מער געשלאָסן און פאַרריגלט מיט זיבן שלעסער. און אַזוי זעען מיר אַלץ שטייגנדיקע טענדענצן צו באַגרעניצן די אימיגראַציע ביז אַ מינימום. פאַרן עמיגראַנט שטייען שטענדיק פאַר די אויגן ווי אַ געשפּענסט, די מעגלעכע אימיגראַציע-גזרות, ער ציטערט שטענדיק פאַרן מאָרגעדיקן טאָג און וויל זיך דערווייל „אַריינכאַפּן" אין אַ וואָסער ניט איז לאַנד, ווייל ווער ווייס צי שפּעטער וועט מען שוין אַהין אַריינלאָזן.

און, ליידער, איז די שרעק ניט אומזיסט.

נאָכקוקנדיק דעם ביישפּיל פון די פאַראייניקטע שטאַטן האָט אויך געשלאָסן אירע טויערן ק אַ נ אַ ד ע. אַריינקומען אַהין האָבן רעכט נאָר גאָר נאָענטע קרובים, ווי עלטערן, אומפאַרהייראַטע קינדער, ברידער און שוועסטער, מיט געוויסע מינימאַלע אויסנאַמען פאַר אַנדערע קאַטעגאָריעס. דער יוצא מן הכלל, וואָס ווערט געמאַכט פאַר ערד-אַרבעטער, האָט יידן אינגאַנצן אויסגעמיטן. יידן ווערן צו דעם ניט צוגעלאָזן.

אַ געוויסע צייט איז געווען שטאַרק די עמיגראַציע קיין רוסלאַנד. דאָס איז געווען אַ ריינע קרובים - עמיגראַציע (פרויען צו מענער, כלות צו חתנים, עלטערן צו קינדער א. אַז. וו.). אָבער וואָס מער די עמיגראַציע איז געוואַקסן, אַלץ גרעסער זיינען געוואָרן די שוועריקייטן מצד דער רוסישער מאַכט אויף צו באַקומען אַן ערלויבעניש אַריינצופאָרן אין לאַנד. צו דעם זיינען די פּרנסה-מעגלעכקייטן אין לאַנד געווען, ווייזט אויס, ניט קיין גרויסע.

דערווייל האָט זיך פאַרגרעסערט די עמיגראַציע קיין אַ ר ג ע נ ט י נ ע. די ידיעות פון דאָרט זיינען געווען גאַנץ באַפרידיקנדע און אָפטמאָל זאָגאָר מונטערע. יידן האָבן דאָרט געמאַכט אַ לעבן און גענומען רופן צו זיך קרובים און באַקאַנטע. די כוואַליע האָט זיך, אָבער, גיך פונאַנדערגעגאָסן איבער די ברעגעס. יידן זיינען דער עיקר אַ שטאָטישער עלעמענט און ניט ד אָ ס זוכט אַרגענטינע. די רעגירונג איז געווען געצוואונגען דעריבער איינצוהמען אַ ביסל דעם עמיגראַציע-שטראָם אין די שטעט און פרייער מאַכן די וועגן צום דאָרף, צו די אומענדלעכע אַרגענטינער סטעפּעס. דאָס האָט זיך נאַטירלעך אָפּגערופן שלעכט אויף דער יידישער איינוואַנדערונג.

געווען אַ צייט אין יאָר 1928, ווען יידן זיינען פּלוצלונג דערפרייט געוואָרן מיט אַ מדינה ה אָ נ ד ו ר אַ ס, וועלכע געפינט זיך אין צענטראַל - אַמעריקע. אַ יידישער קאָנסול האָט צוגעזאָגט פאַרשיידענע הנחות ביים איינוואַנדערן אין לאַנד. בשעתו האָט די ידיעה געמאַכט אַ רעש: עס האָט זיך געדוכט, אַז מיט דעם וועט קומען אַ פאַרלייכטערונג און עס וועט טיילווייז געשטילט ווערן דער „לענדער-הונגער". האָט מען זיך אַ ביסל געטומלט, פאַרוואָרפן מיט בריוו די עמיגראַציע-אָפּטיילונג, שטעטלעך האָבן זיך צונויפגעלייגט אויף הוצאות און געשיקט דעלעגאַציעס קיין ווילנע. ס'האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז דער גאַנצער ענין איז

ניט קיין סאָלידער און ס'איז שטיל געוואָרן.

די לעצטע יאָרן (1928, 1929) גייט אַ באַדייטנדע עמיגראַציע קיין בראַזיליע און דרום-אַפריקע. אין בראַזיליע ווערט מען אַריינגעלאָזן אָן שום באַגרענצונגען. אין אַפריקע דאַקעגן — אויף אַן אַרויספאָדערונג. די פּראָצעדור ביים באַקומען די אַרויספאָדערונג איז אָבער ניט קיין שווערע.

חוץ די אַלע מדינות איז געווען אַ גרויסע נאָכפראַגע אויף די אייראָפעאישע לענדער, ווי פראַנקרייך, דייטשלאַנד, ענגלאַנד, לעטלאַנד, עסטלאַנד און אַנדערע. אַהין האָבן געפלאַנט צו פאָרן אַממייסטן די, וועלכע באַזיצן ניט גענוג מיטלען אויף הוצאות-הדרך, וויפיל עס איז נייטיק אויף אַ ווייטע נסיעה מעבר-לים.

אַ באַזונדערן אינטערעס האָט מען אַרויסגעוויזן צו קובע און מעקסיקע. ביידע לענדער דינען נאָך עד-היום ביים עמיגראַנט אַלס טיר- און פענסטער צו די פאַראייניקטע שטאַטן.

עס זיינען געווען אויך צייטן (אין יאָר 1925), ווען אַ גרופע מענטשן פון 35 פערזאָן האָבן גאַנץ ערנסט געטראַכט וועגן שפאַניע, פון וואַנען זיי זאָלן האָבן באַקומען ידיעות וועגן גוטע איינאָרדענונגס-מעגלעכקייטן. זיי וואָלטן אפשר פאַרווירקלעכט זייער ציל, ווען ניט דער „חפץ-חיים". דהיינו: זיי האָבן זיך געווענדעט מיט אַן אָנפראַגע און מען האָט געפסקנט, אַז דער חרם איז נאָך חל אויף דאָס לאַנד...

אַזוי פילט זיך די גאַנצע צייט אַן עליה-וירידה-שטימונג אין די רייען פון יידישן וואַנדערער. מיט דעם, אייגנטלעך, איז דער גרויסער אונטערשייד צווישן יידישן און קריסטלעכן עמיגראַנט. דער לעצטער איז אַ דאָרפישער עלעמענט, וועלכער איז צוגעפאַסט פאַר פעלדער, וועלדער און פלאַנטאַציעס. זיינען זיינע וועגן צילבאַוואוסטע. אויף זיין האָריזאָנט זעען זיך ניט קיין סך לענדער. מען קען עס אויף די פינגער איבערציילן: קאַנאַדע, אַרגענטינע, בראַזיליע, פערו, אפשר נאָך אַ צוויי-דריי.

דער ייד וואַרפט זיך אויף אַלע זייטן. עס איז, דוכט זיך, ניטאָ קיין איין לאַנד אויפן ערד-קוגל, וואוהין יידן פון אונזער געגנט זאָלן ניט האָבן געוואָרפן אַן אויג: האַוואַאישע אינזלען, קאָנגע, טערקיי, קוואַטעמאַלע, ניו-פאַנלענד, כינע, טוניס, קאָלומביע, און וואו ניט?

---

די אויסערסט-אָנגעשטרענגטע לאַגע פון יידישן עמיגראַנט, דער בלבול-המוחות



און פאַרשיידענע פאַרלאַנגען האָבן געפאָדערט אַ ספעציעלע אויפמערקזאַמקייט און גענויע אויפקלערונגען. די עמיגראַציע-געזעלשאַפט האָט זיך אַלזאָ פאַרנומען ברייט צו אינפאָרמירן, ראשית, וועגן די לעבנס-באַדינגונגען אין די איינוואַנדערונגס-לענדער, וועגן די איינאָרדענונגס-מעגלעכקייטן ביי מלאכה, מסחר און לאַנדווירטשאַפט.

די טעטיקייט פון דער אָפטיילונג איז רייך מיט ביישפילן פון אַ געפירטער אויפקלערונגס-אַרבעט און וואָרנונגען ניט חרוב צו מאַכן אַן איינגעזעסענעם לעבן און זוכן אין נייע לענדער גליקן, וועלכע זיינען בחזקת-ספק.

פאַרקערט, — האָט שוין דער עמיגראַנט באַשלאָסן צו פאָרן, — דאַן איז ער גענומען געוואָרן אונטער דער פולער אויפזיכט פון דער עמיגראַציע-געזעלשאַפט, וועלכע האָט אויסגעאַרבעט פאַר אים די נויטיקע פאַפירן, באַשיצט אים פון מיסברויכן און עקספלאָאַטאַציע און מיט דעם אַרויסגעריסן אים פון די נעגל פון פאַרשיידענע אַגענטן און מאַכערס.

די אויבנאויסגערעכנטע גרויסע אויפגאַבן וואָלט ניט געווען מעגלעך צו ערפילן, ווען די יידישע עמיגראַציע-פראָבלעם וואָלט ניט געווען סוף כל סוף אַוועקגעשטעלט אין דער גאַנצער ברייט און פולן פאַרנעם מצד די באַטרעפנדע אָרגאַנען. די עמיגראַציע-אַרבעט, וועלכע איז געווען ביזן יאָר 1924 אַ קנין פון 3 צענטראַלע עמיגראַציע-געזעלשאַפטן, ווי „יק"אַ", „היאַס" און „עמיגדירעקט" האָט ענדלעך באַקומען איר תיקון. מען האָט דערפילט דעם שאָדן, וואָס עס ברענגט די צעשפליטערטקייט פון אַ גרויסער נאַציאָנאַלער אַרבעט, וועלכער ווערט געפירט אויף איין און דעמזעלבן געביט מצד דריי פאַרשיידענע צענטראַלע אָרגאַניזאַציעס.

אין יאָר 1924 האָט זיך אָנגעהויבן אַ פרוב פון אַ קאָאָרדינאַציע-טעטיקייט אויפן עמיגראַציע-געביט, וועלכע האָט זיך גליקלעך געענדיקט מיט אַן אַלגעמיינער פאַראייניקונג פון די אויבנדערמאָנטע 3 אָרגאַניזאַציעס אָנהויב אַפריל 1927. היינט צו טאָג עקסיסטירט אַלזאָ איין פאַראייניקטער אַלוועלטלעכער צענטראַלער עמיגראַציע-אָרגאַן: „היאַס—יקאַ—עמיגדירעקט", וועלכער טראָגט דעם פאַרקירצטן נאָמען „היקעם", בראש פון וועלכע עס שטייען די דירעקטאָרן ה"ה עדואַרד אונגער פון „יקאַ", א. בענדשאַמין (פריער ד"ר דזשעמס בערנשטיין) פון „היאַס" און ד"ר מ. קריינין פון „עמיגדירעקט".





אַט צו דער פאַראייניקטער אָרגאַניזאַציע זיינען צוגעטראָטן אַלע עמיגראַציע-קאָמיטעטן פון דער גאַנצער וועלט. די עמיגראַציע-טעטיקייט האָט דורכדעם באַקומען אַן אַנדער שוואונג, אָנגענומען אַן אַנדער ווענדונג און אויסגעגאָסן זיך אין אַנדערע פאָרמען.

די עמיגראַציע-אָפטיילונג פון „יעקאָפאָ" צוזאַמען מיטן גאַנצן „יעאָס" אין פוילן האָט דורך דער פאַראייניקונג באַקומען חיות, בלוטן, גרעסערע מעגלעכקייטן אויף דינען אַלזייטיק דעם יידישן עמיגראַנט.

די עמיגראַציע-אָפטיילונג איז געשטאַנען און שטייט עד-היום אין אַ שטענדיקן קאָנטאַקט מיט דער אַלוועלטלעכער צענטראַלע פון „היקעם" אין פאַריז, ווי אויך מיט אַלע עמיגראַציע-קאָמיטעטן אין דער גאַנצער וועלט. אויף דעם אופן איז מען שטענדיק געווען אינפאָרמירט וועגן מצב און איינוואַנדערונגס-תנאים אין אַלע וועלט-טיילן. אַדאַנק דעם איז אויך דערמעגלעכט געוואָרן דאָס אויפזוכן קרובים, שוין לאַנג פאַרפאַלענע און שטעלן זיי אין פאַרבינדונג מיט זייערע משפחות אין ווילנע און געגנט.

מיט דער הילף פון די קרובישע ברידערלעכע אָרגאַניזאַציעס מעבר לים, איז דערמעגלעכט געוואָרן דאָס אַרויסקריגן איינרייזע-דערלויבענישן פאַר קרובים (און אָפטמאָל פאַר גאַנץ פרעמדע) אין אַ ריי לענדער.

די אַלגעמיינע שטרעבונג פון די אימיגראַציע-לענדער צו באַפרייען זיך פון שטאָטישן האַנדלס-עלעמענט האָט געצוואונגען דעם „היקעם" אָנהויבן אַ טעטיקייט אויפן געביט פון איבערשיכטן דעם יידישן עמיגראַנט. די ווילנער אָפטיילונג האָט איר חלק אַריינגעטראָגן אין דעם, וואָס זי האָט מיטגעווירקט אין משך פון די לעצטע 3 יאָר (1927—1929), אַז גרעסערע גרופעס יונגעלייט, קינפטיקע עמיגראַנטן, זאָלן באַקומען אַ לאַנדווירטשאַפטלעכע צוגרייטונג. אַ טייל פון די עמיגראַנטן האָבן זיך ביי גוטע באַדינגונגען איינגעאָרדנט אין דרום-פראַנקרייך ביי ערד-אַרבעט.

צו די אַלגעמיינע אויפטוען דאַרפן בלי-ספק אויך צוגערעכנט ווערן די שפראַך-קורסן אויף לערנען די ענגלישע און שפאַנישע שפראַכן, אויף וועלכע ס'זיינען אין משך פון די לעצטע 3 יאָר אויסגעבילדעט געוואָרן איבער 200 שילער-עמיגראַנטן.

צום סוף ווילן מיר דערמאָנען די הלוואות אויף צו קויפן שיפס-קאַרטן. אַזוינע הלוואות האָבן די עמיגראַנטן באַ-

קומען אין באַדייטנדע סומען (אַפּטמאָל ביז 46 דאָלאַר אויף אַ פּערזאָן) אויף איינצוקויפן שיפס-קאַרטן אויף פאַרשיידענע לענדער מעבר לים.

עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז בשעת דער עמיגראַנט האָט זיך געשטיקט פאַר יעדן זלאָט, האָט אויספאַרקויפט זיינע לעצטע בעבעכעס, כּדי צונויפשלאָגן זיך אויף הוצאות - הדרך, — האָבן אים די הלוואות געבראַכט אַ גרויסע פאַרלייכטערונג אין זיין וואַנדער-וועג.

דער דאָזיקער אויפטו דאַרף צוגעשריבן ווערן צום אַקטיוו פון „היקעם“, אָן וועלכן עס וואָלט בכלל געווען אַן אוממעגלעכע זאַך.

---

אַ קאַפּיטל פאַר זיך, איז די געמיינזאַמע אַרבעט מיט דער צענטראַלע פון „יעאַס“ אין וואַרשע, בראש פון וועלכער עס שטייען די דירעקטאָרן פון דער געזעלשאַפט ה"ה יונה גרינפעלד און לעאָן אַלטער, ווי אויך די פאָרזיצערס פון דער עקזעקוטיווע פון דער געזעלשאַפט פריער ד"ר י. שיפּער און איצט אברהם פּאָדלישעווסקי. אָן דעם פעסטן צונויפבונד מיט דער צענטראַלע וואָלט בכלל געווען אוממעגלעך אַ פּלאַנמעסיקע עמיגראַציע-אַרבעט.

דער מלוכהשער עמיגראַציע - אַמט, וועלכער האַלט אין זיינע הענט אַלע פעדים, מיט וועלכע עס איז פאַרבונדן די גאַנצע עמיגראַציע-פּאָליטיק פון דער פּוילישער רעגירונג, — האָט זיין זיץ-אָרט אין וואַרשע. ניט זעלטן פלעגט דער עמיגראַציע - אַמט אַרויסגעבן פאַראָרדענונגען, בהסכּם מיט דער עמיגראַציע-פּאָליטיק פון דער רעגירונג, וועלכע האָבן געהאַט דעם ציל פון באַגרענעצן די עמיגראַציע פון פּוילן. דערביי פלעגט אויסקומען אין פיל פאַלן ווענדן זיך מיט אינטערווענצן, אויפקלערונגען, אויסווירקן הנחות און פאַרלייכטערונגען און אַזוי ווייטער. און אין דעם האָט פיל אויפגעטאָן די צענטראַלע פון „יעאַס“ אין וואַרשע.

די ווילנער אָפּטיילונג האָט בכלל געהאַט אַ גאַנצע ריי אינטערווענצן און השתדלותן, ביי אַלע מלוכה-אָרגאַנען, וועלכע האָבן זיך באַשעפטיקט מיט עמיגראַציע-פראַגן.

די ווילנער עמיגראַציע-אָפּטיילונג איז זייער פּאָפּולער ביי דער יידישער באַפעלקערונג און האָט זיך קונה שם געווען זאָגאַר ביי דער ניט-יידישער. צווישן די 60—70 טעגלעכע באַזוכער איז שטענדיק צו באַמערקן אַ 3—4 קריסטלעכע עמיגראַנטן, וועלכע קומען זיך אָן עצה האַלטן, ווייל אַזוי האָבן זיי שכנים געראָטן.

חוץ דעם, וואָס די אָפּטיילונג פירט אויס אַלע אַרבעטן, וועלכע זיינען דירעקט פאַרבונדן מיטן עמיגראַנטס אָפּפאָרן, ווי אויספאַרטיקן דעם פּאַס, אָנשרייבן אַלע נויטיקע בקשות, ברענגען אין אָרדענונג אַלע דאָקומענטן, השתדלותן וכדומה, — ווילן סתם יידן, ווילנער און פּראָווינציעלע, זעען אין איר ניט נאָר אַן עמיגראַציע-געזעלשאַפט, נאָר אַ צענטראַלע, וואו מען קען זיי אויסהעלפן אין פיל פון זייערע נויטן.

וועגן אַלץ ווענדעט מען זיך אין דער עמיגראַציע - אָפּטיילונג. דאַרף אַ ייד אָפּנעמען אַ ירושה, אַרויסבאַקומען געלט פון קרובים, אויסגעפינען אַ מעטריקע אין אויסלאַנד, באַקומען בירגערשאַפט, אָנשרייבן במחילה אַן אַדרעס, פעקלעך, אַרויסבאַקומען אַ גט, שיקן מצה קיין רוסלאַנד, אָדער סתם אַן עצה, — וועגן אַלץ קומט מען אין דער עמיגראַציע-אָפּטיילונג, וואו מען האָפט אויסגעהערט צו ווערן און אינפאָרמירט צו ווערן וועגן אַלץ.

עס וועט אויף דעם אופן ניט זיין קיין חידוש, וואָס מיט דער עמיגראַציע-אָפּטיילונג איז פאַרבונדן אויסער ווילנע אויך די גאַנצע ווילנער פּראָווינץ און אַ טייל נאָוואָגרודקער, הגם די לעצטע איז ווייט פון ווילנע. אורטיילנדיק לויט די לעצטע ציפער פון מלוכה-עמיגראַציע-אַמט קען מען פעסטשטעלן, אַז מיט דער הילף פון דער ווילנער עמיגראַציע-אָפּטיילונג באַנוצן זיך ניט ווייניקער פון 80 פּראָצ. פון אַלע יידישע עמיגראַנטן פון דעם אויבנדערמאָנטן שטח. מיט די פּראָווינציעלע עמיגראַנטן געפינט זיך די עמיגראַציע-אָפּטיילונג אין אַ שריפטלעכן, גאַנץ ענגן קאָנטאַקט, וואָס עס איז צו זען פון דער טאַבעלע, וועלכע אילוסטרירט די צאָל אָפּגעשיקטע בריוו. זי איז אויך געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט די קרובים מעבר לים, געבנדיק זיי פאַרשיידענע אָנווייזונגען וועגן ענינים, וועלכע זיינען נוגע זייערע קרובים.

די באַציאונג פון די עמיגראַנטן צו דער ווילנער עמיגראַציע-אָפּטיילונג איז געווען זייער אַ וואַרימע און אַ האַרציקע, וואָס איז צו זען פון די פיל בריוו, געשיקט פון זיי, וועלכע געפינען זיך אין אַרכיוו פון „יעקאָפּאָ“—„יעאַס“.

## סטאַטיסטישע ידיעות וועגן די עמיגראַנטן, וואָס זיינען באַדינט געוואָרן פון דער ווילנער אָפּטיילונג פון „יעאַס“ ביי „יעקאָפּאָ“ אין די יאָרן 1925—1929.

די אַלע טאַבעלן באַציען זיך צום פּעריאָד, וועלכער ווערט אויבן אַרומגערעדט, דהיינו צו די פאָלגנדע פיר מיט אַ האַלב יאָר: 1925, 1926, 1927, 1928 און די ערשטע 6 חדשים (יאַנואַר—יוני) פון יאָר 1929. די סטאַטיסטישע ציפער אין די יאָרן 1925—1926 האָבן זיך געפירט לויט דער אַלגעמיינער צאָל נפשות, וועלכע זיינען געווען פאַראינטערעסירט אין עמיגרירן. דאַקעגן די איבעריקע 2½ יאָר, — לויט דער צאָל ווענדונגען, ד. ה. לויט דער צאָל משפחות (ראשי-המשפחות). מיר גיבן דאָ אויף דעם אופן די טאַבעלן בהסכּם מיט דער באַטרעפנדער פאַרטיילונג.

טאַבעלע נומ׳ 1.

### אַלגעמיינע צאָל ווענדונגען.

| 1925 | | 1926 | |
|---|---|---|---|
| צאָל ווענדונגען | צאָל נפשות | צאָל ווענדונגען | צאָל נפשות |
| 1357 | 2711 | 2745 | 5834 |

| 1925 | 1926 | 1927 | 1928 | 1929 — ½ | בסך-הכל |
|---|---|---|---|---|---|
| 1357 | 2745 | 2718 | 2659 | 1729 | 11208 |

### טאַבעלע נומ׳ II.

## עלטער פון די עמיגראַנטן.

| עלטער | 1925 צאָל נפשות | 1925 % | 1926 צאָל נפשות | 1926 % |
|---|---|---|---|---|
| ביז 14 יאָר | 298 | 11 | 1472 | 25,3 |
| „ 28 „ | 1247 | 46 | 1945 | 33,4 |
| „ 45 „ | 813 | 30 | 1589 | 27,2 |
| העכער . . | 353 | 13 | 828 | 14,1 |
| ס"ה . . | 2711 | 100 | 5834 | 100 |

| עלטער | 1927 צאָל ווענדונגען | 1927 % | 1928 צאָל ווענדונגען | 1928 % | 1929 (6 חדשים) צאָל ווענדונגען | 1929 (6 חדשים) % |
|---|---|---|---|---|---|---|
| ביז 18 יאָר | 247 | 9 | 282 | 11 | 98 | 6 |
| „ 25 „ | 680 | 25 | 768 | 29 | 566 | 33 |
| „ 40 „ | 915 | 34 | 997 | 38 | 778 | 44 |
| „ 60 „ | 525 | 19 | 429 | 15 | 225 | 14 |
| העכער . . . | 351 | 13 | 183 | 7 | 62 | 3 |
| ס"ה . . | 2718 | 100 | 2659 | 100 | 1729 | 100 |

### טאַבעלע נומ׳ III.

## געשלעכט פון די עמיגראַנטן.

| געשלעכט | 1925 צאָל נפשות | 1925 % | 1926 צאָל נפשות | 1926 % |
|---|---|---|---|---|
| מענער . . | 1573 | 42 | 3274 | 55,6 |
| פרויען . . | 1138 | 58 | 2560 | 44,4 |
| ס"ה . . | 2711 | 100 | 5834 | 100 |

| געשלעכט | 1927 צאָל ווענדונגען | 1927 % | 1928 צאָל ווענדונגען | 1928 % | 1929 (6 חדשים) צאָל ווענדונגען | 1929 (6 חדשים) % |
|---|---|---|---|---|---|---|
| מענער . . . | 1443 | 54 | 1710 | 64 | 1358 | 78 |
| פרויען . . . | 1275 | 46 | 949 | 36 | 371 | 22 |
| ס"ה . . | 2718 | 100 | 2659 | 100 | 1729 | 100 |

### טאַבעלע נומ׳ IV.

## פּראָפעסיעס פון די עמיגראַנטן.

| פּראָפעסיעס | 1925 צאָל נפשות | 1925 % | 1926 צאָל נפשות | 1926 % |
|---|---|---|---|---|
| בעלי-מלאכות און אַרבעטער | 976 | 36 | 1174 | 20,1 |
| ערד-אַרבעטער . | 554 | 21 | 108 | 1,8 |
| הענדלער . . . | 302 | 11 | 343 | 5,9 |
| פרייע פּראָפעסיעס | 138 | 5 | 426 | 7,3 |
| אָן פּראָפעסיעס . | 741 | 27 | 3783 | 64,9 |
| ס"ה . . | 2711 | 100 | 5834 | 100 |

| פּראָפעסיעס | 1927 צאָל ווענדונגען | 1927 % | 1928 צאָל ווענדונגען | 1928 % | 1929 (6 חדשים) צאָל ווענדונגען | 1929 (6 חדשים) % |
|---|---|---|---|---|---|---|
| בעלי-מלאכות, אַרבעטער | 1220 | 45 | 1686 | 63 | 1068 | 62 |
| הענדלער, אָנגעשטעלטע | 379 | 14 | 331 | 12 | 189 | 11 |
| ערד-אַרבעטער | 114 | 4 | 159 | 6 | 204 | 12 |
| פרייע פּראָפעס. | 109 | 4 | 69 | 3 | 32 | 2 |
| אומבאַשטימטע פּראָפעסיעס | 896 | 33 | 414 | 16 | 236 | 13 |
| ס"ה . . | 2718 | 100 | 2659 | 100 | 1729 | 100 |

## טאַבעלע נומ׳ V.

# אימיגראַציע-לענדער

(וועגן וועלכע די עמיגראַנטן האָבן זיך געווענדעט נאָך אינפאָרמאַציעס).

| № | לאַנד | 1925 | 1926 | 1927 | 1928 | 6 חדשים 1929 | בסך-הכל |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | | צאָל נפשות | צאָל ווענדונגען | צאָל ווענדונגען | צאָל ווענדונגען | צאָל ווענדונגען | |
| 1 | רוסלאַנד | 284 | 1436 | 907 | 331 | 44 | 2718 |
| 2 | פּאַראייניקטע שטאַטן | 680 | 431 | 563 | 567 | 232 | 1793 |
| 3 | אַרגענטינע | 659 | 110 | 77 | 476 | 288 | 1051 |
| 4 | בראַזיליע | 188 | 40 | 50 | 216 | 423 | 729 |
| 5 | דרום-אַפריקע | 93 | 86 | 125 | 225 | 219 | 655 |
| 6 | קאַנאַדע | 137 | 191 | 161 | 126 | 126 | 604 |
| 7 | פראַנקרייך | 164 | 90 | 91 | 130 | 98 | 409 |
| 8 | אוראַגוויי | 11 | 41 | 38 | 111 | 76 | 266 |
| 9 | מעקסיקע | 77 | 26 | 56 | 69 | 37 | 188 |
| 10 | קובע | 41 | 14 | 39 | 72 | 63 | 188 |
| 11 | לעטלאַנד | 6 | 51 | 56 | 51 | 19 | 177 |
| 12 | ענגלאַנד | 22 | 16 | 34 | 29 | 17 | 96 |
| 13 | ארץ-ישראל | 98 | 38 | 12 | 17 | 15 | 82 |
| 14 | דייטשלאַנד | — | 13 | 28 | 33 | 2 | 76 |
| 15 | טשילי | 8 | 18 | 17 | 25 | 2 | 62 |
| 16 | בעלגיע | 6 | 13 | 16 | 9 | 12 | 50 |
| 17 | אויסטראַליע | 21 | 13 | 5 | 11 | 12 | 41 |
| 18 | ליטע | — | 2 | 13 | 14 | 1 | 30 |
| 19 | כינע | 1 | 5 | 7 | 10 | 4 | 26 |
| 20 | האָנדוראַס *) | — | — | — | 29 | — | 29 |
| 21 | עסטלאַנד | 1 | 8 | 6 | 7 | 1 | 22 |
| 22 | קאָלומביע | — | 2 | 3 | 5 | 10 | 20 |
| 23 | רומעניע | 1 | 4 | 4 | 6 | 3 | 17 |
| 24 | דאַנציג | — | 1 | — | 7 | — | 8 |
| 25 | פּערו | 43 | 5 | — | 2 | 1 | 8 |
| 26 | שוועדן | — | 2 | — | 3 | 3 | 8 |
| 27 | שווייץ | 2 | 4 | 2 | 2 | — | 8 |
| 28 | פּאָרטוגאַל | 4 | — | 4 | 3 | — | 7 |
| 29 | עסטרייך | — | — | 3 | 2 | 1 | 6 |
| 30 | איטאַליע | 2 | — | 4 | 1 | — | 5 |
| 31 | פינלאַנד | — | — | 3 | 2 | — | 5 |
| 32 | טשעכאָסלאָוואַקיע | — | — | 3 | — | — | 3 |
| 33 | האַוואַישע אינזלען | — | 2 | — | — | — | 2 |
| 34 | דענעמאַרק | — | — | — | 2 | — | 2 |
| 35 | גוואַטעמאַלע | — | — | — | 2 | — | 2 |
| 36 | טערקיי | — | — | — | 2 | — | 2 |
| 37 | אַלזשיר | — | — | — | 2 | — | 2 |
| 38 | פּאַראַגוויי | 3 | 1 | — | — | — | 1 |
| 39 | אונגאַרן | — | 1 | — | — | — | 1 |
| 40 | קאָנגאָ (אַפריקע) | — | 1 | — | — | — | 1 |
| 41 | נאָרוועגיע | — | 1 | — | — | — | 1 |
| 42 | האָלאַנד | — | — | 1 | — | — | 1 |
| 43 | אירלאַנד | — | — | — | 1 | — | 1 |
| 44 | טוניס | — | — | — | 1 | — | 1 |
| 45 | ניו-פאַונדלענד | — | — | — | 1 | — | 1 |
| 46 | בולגאַריע | — | — | — | — | 1 | 1 |
| 47 | אומבאַשטימטע לענדער | 124 | 79 | 290 | 57 | 19 | 445 |
| 48 | שפּאַניע | 35 | — | — | — | — | — |
| | ס"ה | 2711 | 2745 | 2718 | 2659 | 1729 | 9851 |

*) דאָס לאַנד האָנדוראַס האָט אַרויסגערופן אַ גוואַלטיקן אינטערעס ביי דער יידישער באַפעלקערונג. דאָס רוב זיינען געקומען אין ביוראָ צאָלרייכע דעלעגאַציעס פון דער אַרומיקער פּראָווינץ. ס'האָט זיך אויך געפירט אַ לעבהאַפטע קאָרעספּאָנדענץ. די צאָל פאַלן זיינען ניט רעגיסטרירט געוואָרן. פאַררעגיסטרירט זיינען געוואָרן נאָר די פּערזענלעכע אינדיווידועלע ווענדונגען.

### טאַבעלע נומ׳ VI.

## צאָל אויסגעאַרבעטע פּעסער און אָפּגעפאָרענע עמיגראַנטן.

| № | לאַנד | 1925 | 1926 | 1927 | 1928 | 6 חדשים 1929 | בסך-הכל |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1 | פאַראייניקטע שטאַטן . . . . | נעני וואוהין אָפּגעפאָרן אין דעם יאָר איז אוממעגלעך פעסטצושטעלן, ווייל אין יאָר 1925 האָט זיך ניט געפירט אַזאַ סטאַטיסטיק. | 75 | 184 | 105 | 75 | 439 |
| 2 | דרום-אַפריקע . . . . . . | | 48 | 85 | 123 | 115 | 371 |
| 3 | בראַזיליע . . . . . . . | | 4 | 4 | 91 | 221 | 320 |
| 4 | אַרגענטינע . . . . . . . | | 19 | 34 | 175 | 40 | 268 |
| 5 | רוסלאַנד . . . . . . . | | 77 | 117 | 49 | 20 | 263 |
| 6 | קאַנאַדע . . . . . . . | | 38 | 33 | 34 | 25 | 130 |
| 7 | פראַנקרייך . . . . . . | | 21 | 36 | 21 | 18 | 96 |
| 8 | לעטלאַנד . . . . . . | | 16 | 45 | 19 | 2 | 82 |
| 9 | מעקסיקע . . . . . . | | 30 | 15 | 17 | 16 | 78 |
| 10 | אוראַגוויי . . . . . . | | 9 | 5 | 32 | 28 | 74 |
| 11 | קובע . . . . . . . . | | 5 | 8 | 10 | 9 | 32 |
| 12 | ענגלאַנד . . . . . . . | | 5 | 13 | 6 | 2 | 26 |
| 13 | בעלגיע . . . . . . . | | 3 | 8 | — | 6 | 17 |
| 14 | עסטלאַנד . . . . . . | | 12 | 4 | 1 | — | 17 |
| 15 | קאָלומביע . . . . . . | | 4 | 1 | 1 | 10 | 16 |
| 16 | טשילי . . . . . . . . | | — | 1 | 9 | 4 | 14 |
| 17 | אויסטראַליע . . . . . . | | 9 | — | 4 | — | 13 |
| 18 | דייטשלאַנד . . . . . . | | — | 5 | 5 | — | 10 |
| 19 | כינע . . . . . . . . | | 2 | 1 | 3 | 2 | 8 |
| 20 | רומעניע . . . . . . . | | — | 1 | 2 | 3 | 6 |
| 21 | פּאָרטוגאַל . . . . . . | | — | 1 | 4 | — | 5 |
| 22 | איטאַליע . . . . . . . | | 1 | 1 | — | — | 2 |
| 23 | פינלאַנד . . . . . . . | | — | — | 2 | — | 2 |
| 24 | קאָנגאָ (אַפריקע) . . . . | | 1 | 1 | — | — | 2 |
| 25 | ניו-פאָנלענד . . . . . . | | — | — | 1 | — | 1 |
| 26 | גוואַטעמאַלע . . . . . | | — | — | 1 | — | 1 |
| | ס״ה. . . | 83 | 379 | 603 | 715 | 596 | 2293 |

### טאַבעלע נומ׳ VII.

## צאָל באַקומענע בריוו.

| № | פון וואַנען באַקומען | 1925 | 1926 | 1927 | 1928 | 6 חדשים 1929 | בסך-הכל |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1 | „יעאָס״ — וואַרשע און פּראָווינציעלע אָפּטיילונגען . . . . . . . | 343 | 730 | 1239 | 1697 | 1184 | 5193 |
| 2 | „היאַס״ — ניו-יאָרק און אָפּטיילונגען אין דער גאָרער וועלט . . . | 94 | 88 | 84 | 61 | 50 | 377 |
| 3 | „עמיגדירעקט״ — בערלין און אָפּטיילונגען אין איראָפּע . . . . | 30 | 103 | 30 | 24 | 34 | 221 |
| 4 | קאָנסולאַטן און רעגירונגס-אַנשטאַלטן . . . . . . . . . . | — | 17 | 20 | 46 | 27 | 110 |
| 5 | שיפס-געזעלשאַפטן . . . . . . . . . . . . . . . | — | 34 | 160 | 43 | 21 | 258 |
| 6 | פאַרשיידענע עמיגראַציע געז. און געז. אַנשטאַלטן אין פּוילן . . . | 34 | 72 | 87 | 82 | 33 | 308 |
| 7 | פאַרשיידענע עמיגראַציע געז. און געז. אַנשטאַלטן אין דער גאָרער וועלט | 23 | 67 | 63 | 114 | 59 | 326 |
| 8 | פּריוואַטע פּערזאָנען אין פּוילן . . . . . . . . . . . . | 102 | 447 | 907 | 1629 | 1422 | 4507 |
| 9 | פּריוואַטע פּערזאָנען אין אויסלאַנד . . . . . . . . . . . | — | 18 | 47 | 66 | 38 | 169 |
| 10 | אַלוועלטלעכע עמיגראַציע-פאַר. „היקעם״ . . . . . . . . . | — | — | 51 | 81 | 10 | 142 |
| | ס״ה. . . | 626 | 1576 | 2688 | 3843 | 2878 | 11611 |
| | דעפּעשן . . . . . . . . . . . . . . . . . | — | 15 | 45 | 63 | 36 | 159 |

### טאַבעלע נומ׳ VIII.

## צאָל אָפּגעשיקטע בריוו.

| № | וואוהין געשיקט | 1925 | 1926 | 1927 | 1928 | 6 חדשים 1929 | בסך-הכל |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1 | „יעאַס" — וואַרשע און פּראָווינציעלע אָפּטיילונגען . . . . . . | 395 | 943 | 1884 | 2636 | 1585 | 7443 |
| 2 | „היאַס" — ניו-יאָרק און אָפּטיילונגען אין דער גאָרער וועלט . . . | 150 | 104 | 83 | 58 | 66 | 466 |
| 3 | „עמיגדירעקט" — בערלין און אָפּטיילונגען אין אייראָפּע . | 30 | 95 | 29 | 25 | 37 | 216 |
| 4 | קאָנסולאַטן און רעגירונגס-אַנשטאַלטן . . . . . . . . . | — | 38 | 47 | 109 | 52 | 246 |
| 5 | שיפס-געזעלשאַפטן . . . . . . . . . . . . | — | 62 | 146 | 106 | 101 | 415 |
| 6 | פאַרשיידענע עמיגראַציע-געז. און געז. אַנשטאַלטן אין פּוילן . . . . | 74 | 84 | 80 | 230 | 52 | 520 |
| 7 | פאַרשיידענע עמיגראַציע-געז. און געז. אַנשטאַלטן אין דער גאָרער וועלט | 28 | 49 | 80 | 114 | 74 | 345 |
| 8 | פּריוואַטע פּערזאָנען אין פּוילן . . . . . . . . . . | 214 | 585 | 1238 | 2103 | 1564 | 5704 |
| 9 | פּריוואַטע פּערזאָנען אין אויסלאַנד. . . . . . . . . | — | 20 | 56 | 101 | 43 | 220 |
| 10 | אַלוועלטלעכע עמיגראַציע-פאַראייניקונג „היקעם". . . . . . . . | — | — | 69 | 110 | 12 | 191 |
| | ס"ה. . . . | 891 | 1985 | 3712 | 5592 | 3586 | 15766 |
| 11 | דעפּעשן . . . . . . . . . . . . . . . . . | — | 37 | 63 | 74 | 24 | 198 |
| 12 | מעלדונגען. . . . . . . . . . . . . . . . | — | 531 | 791 | 1066 | 386 | 2774 |
| 13 | צירקולאַרן (עקזעמפּלאַרן) . . . . . . . . . . . . . | — | 83 | 81 | 89 | 68 | 321 |
| | ס"ה. . . . | 891 | 2636 | 4647 | 6821 | 4064 | 19059 |

### טאַבעלע נומ׳ IX.

## צאָל טעגלעכע באַזוכונגען.

| 1925 | 11 חדשים 1926 | 1927 | 1928 | 6 חדשים 1929 | בסך-הכל |
|---|---|---|---|---|---|
| אזא סטאַטיסטיק ניט געפירט בכלל | אין יאַנואַר אזא סטאַטיסטיק ניט געפירט 7314 | 15495 | 13098 | 7670 | 43577 |

### טאַבעלע נומ׳ X.

## אייניקע ידיעות פאַר דעם לעצטן האַלבן יאָר 1929.

| ענין | יולי—דעצעמבער 1929 | ס"ה מיט די ערשטע 6 חדשים 1929 | צאָל אַרויסגעפאָרענע אין די וויכטיקסטע עמיגראַציע-לענדער פאַרן גאַנצן יאָר 1929 |
|---|---|---|---|
| 1. צאָל טעגלעכע באַזוכן . . . . . . . . | 6806 | 14476 | בראַזיליע . . . . . . 363 |
| 2. צאָל אויסגעאַרבעטע פּעסער . . . . . . | 611 | 1207 | אַפריקע . . . . . . . 298 |
| 3. צאָל באַקומענע בריוו . . . . . . . . | 2864 | 5742 | אַרגענטינע. . . . . . 147 |
| 4. צאָל אָפּגעשיקטע בריוו. . . . . . . | 3624 | 7210 | פאַראייניקטע שטאַטן . 133 |
| 5. צאָל באַקומענע און אָפּגעשיקטע | | | קאַנאַדע. . . . . . . 56 |
| טעלעגראַמעס, צירקולאַרן און מעלדונגען | 307 | 821 | אורוגווויי . . . . . . 40 |

מ. שאַליט

# גמילות-חסדים-קאַסעס



1. **קרעדיט-הילף און קאָאָפּעראַציע.** שוין אויף דער ערשטער קאָנפערענץ פון „יעקאָפּאָ" איז די פראַגע אוועקגעשטעלט געוואָרן אין איר גאַנצער ברייט. אויף דער דריטער זיצונג פון דער קאָנפערענץ, דעם 9 סעפּטעמבער 1919, האָט דער רעפערענט פון „יעקאָפּאָ" ה' ב. כהן געהאַלטן אַ רעפעראַט וועגן פּראָדוקטיווע הילף און קאָאָפּעראַציע און צווישן אַנדערע ענינים האָט ער אָנגעוויזן אויף דער נויטיקייט פון אַ צענטראַלער יידישער קרעדיט-אינסטיטוציע. אין דער רעזאָלוציע, וואָס די קאָנפערענץ האָט אָנגענומען וועגן די פאַרשלאָגן פון דעם דאָזיקן רעפעראַט, ווערט, צווישן אַנדערעס, פעסטגעשטעלט, אַז מען דאַרף „צוטרעטן אויפצוריכטן אויף די ערטער די געוועזענע קרעדיט-אַנשטאַלטן און בויען נייע מיט אַ צענטראַלן קרעדיט-אַנשטאַלט בראש".

די רעזאָלוציע איז פולשטענדיק פאַרווירקלעכט געוואָרן אין לעבן.

אין דעם מעמאָראַנדום, וואָס „יעקאָפּאָ" האָט דערלאַנגט דער מיטל-ליטווישער רעגירונג אין ווילנע דעם 23 פעברואַר 1921, ווערט קאָנסטאַטירט, אַז אין די ערשטע חדשים פון יאָר 1920 האָט „יעקאָפּאָ" שוין געהאַט אָרגאַניזירט אין ווילנער געגנט 85 יידישע געזעלשאַפטלעכע קרעדיט-אינסטיטוציעס. אין זעלבן יאָר איז „יעקאָפּאָ" צוגעטראָטן צו אָרגאַניזירן די יידישע צענטראַלע קאָאָפּעראַטיווע פאָלקסבאַנק, וועלכע האָט זיך געעפנט אין יולי 1921.

אין יאָר 1921 זיינען פון „יעקאָפּאָ" אויך צונויפגערופן געוואָרן צוויי קאָנפערענצן פון ליי- און שפּאָר-קאַסעס און ס'זיינען אויך געמאַכט געוואָרן אַ ריי אַנדערע פּרובן אויפן קאָאָפּעראַטיוון געביט, וועגן וועלכע מיר וועלן ריידן גענויער ווייטער אין דעם אַרטיקל „פאַרשיידענע מינים הילף". דאָ האָבן מיר נאָר געוואָלט אונטערשטרייכן, אַז שוין אין די ערשטע יאָרן טעטיקייט פון געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ" אין ווילנע זיינען ניט נאָר ערנסט באַהאַנדלט געוואָרן די פראַגן פון קרעדיט-הילף פאַר דער יידישער באַפעלקערונג, נאָר ס'זיינען אויך געשאַפן געוואָרן די אינסטיטוציעס, וואָס האָבן אויף די דאָזיקע פראַגן געגעבן אַ פּראַקטישן ממשותדיקן ענטפער.

אין יענע צייטן, 1919—1922, ווען די מלחמה האָט זיך נאָך אין ווילנער געגנט ניט פאַרענדיקט און ס'האָבן זיך עטלעכע מאָל געביטן די מאַכטן, האָט, נאַטירלעך, ניט געקענט זיין קיין רייד וועגן אַ **נאָרמאַלער** טעטיקייט אויפן געביט פון קרעדיט-קאָאָפּעראַציע. ס'איז געווען אַ פּראָדוקטיווע שנעלע הילף געבויט אויף קרעדיט-יסודות און ניט אומעטום אָן איינהייטלעכע. אין די פונקטן, וואו פאַר דער מלחמה האָבן עקסיסטירט ליי- און שפּאָר-קאַסעס און וואו ס'האָבן זיך געפונען די צוגעגרייטע צו אַזאַ אַרבעט געזעלשאַפטלעכע טוער, פלעגט „יעקאָפּאָ" עפענען אמתע קרעדיט-קאָאָפּעראַטיוון, וואָס פלעגן פירן אַ קרעדיט-אַרבעט און אַרויסגעבן הלוואות אויף פּראָצענטן. דאָרט, אָבער, וואו קיין שום קאָאָפּעראַטיווע פּראַקטיק איז ניט געווען, האָט „יעקאָפּאָ" געגרינדעט ביי די אָרטיקע קהלות אָדער הילפס-קאָמיטעטן, אין די שטעטלעך, אַ גאַנצע ריי **גמילות-חסדים-קאַסעס**, וועלכע פלעגן אַרויסגעבן הלוואות אויף לענגערע טערמינען און אָן קיינע שום פּראָצענטן.

די מלחמה-געשעענישן און די דעוואַלוואַציע פון דער וואַלוטע האָבן אָבער סוף כל סוף חרוב געמאַכט הן די קרעדיט-קאָאָפּעראַטיוון והן די גמילות-חסדים-קאַסעס. די קרעדיט-קאָאָפּעראַטיוון האָבן זיי אונטערגעבראָכן און די גמילות-חסדים-קאַסעס האָבן זיי אינגאַנצן צונישט געמאַכט. און ערשט אָנהויבנדיק פון יאָר 1925 מיט דער סטאַביליזאַציע פון דער וואַלוטע ווערט אויפגעריכט און צוריק אויפגעבויט שוין אַ נאָרמאַלע, זעלבסטשטענדיקע און אַ גוט-פונקציאָנירנדיקע קרעדיט-קאָאָפּעראַציע און פון יאָר 1926—1927 — אַ נעץ פון גמילות-חסדים-קאַסעס אויף מאָדערנע יסודות.

2. **די פאָראַרבעט אין יאָר 1926.** דעם 6 מערץ 1926 האָט „יעקאָפּאָ" דערלאַנגט דעם „דזשוינט", וועלכער האָט דאַן ווידער אָנגעהויבן צו אַרבעטן אויף דעם אַלגעמיינעם הילפס-געביט, אַ פּראָיעקט וועגן אַן עווענטועלער הילפס-אַקציע און וועגן די יסודות, אויף וועלכע די דאָזיקע אַקציע דאַרף זיין געבויט.

צווישן די 6 פונקטן פון מעמאָראַנדום, ווערט באַזונדערס אונטערגעשטראָכן דער פונקט וועגן אַ ביליקן לאַנגטערמיניקן קרעדיט.

„דער ביליקער לאַנגטערמיניקער קרעדיט, ווערט געזאָגט אין מעמאָראַנדום, דאַרף באַטראַכט ווערן אַלס דער וויכטיקסטער מיטל צו העלפן אין דעם איצטיקן קריזיס דעם קליינעם געפאַלענעם מענטשן, האַנטווערקער און דערהויפּט הענדלער, וואָס בילדן די מערהייט פון דער יידישער באַפעלקערונג. דער דאָזיקער קרעדיט דאַרף להיפוך צו דעם נאָרמאַלן קרעדיט פון די קאָאָפּעראַטיווע פאָלקסבענק געגעבן ווערן אין אַ פאָרם פון קליינפּראָצענטיקע הלוואות אויף אַ לאַנגן טערמין (ביז 1 יאָר צייט) די אַלע נויטבאַדערפטיקע עלעמענטן, וואָס קענען אין די פאָלקסבענק קיין הלוואות ניט באַקומען אָדער, ריכטיקער, ניט נעמען. דאָס זיינען די שוואַכסטע עלעמענטן, וועלכע מען מוז אָבער גראָד איצט קומען צו הילף".

דאָס איז געווען דער **ערשטער** קלאָר-פאָרמולירטער געדאַנק וועגן דער נויטיקייט צו גרינדן גמילות-חסדים-קאַסעס אויף נייע יסודות, וועלכע זאָלן זיין צוגעפּאַסט צו דעם מאָדערנעם עקאָנאָמישן לעבן און צו די ספּעציפישע נויטן פון די ווירטשאַפטלעך-שוואַכסטע עלעמענטן פון דער פאַראָרעמטער יידישער באַפעלקערונג, וואָס איז אַזוי ביטער און שאַרף געטראָפן געוואָרן פון שרעקלעכן קריזיס אין יאָר 1925 — 1926, וועלכער האָט זיך פאַרצויגן אויף אַ לאַנגע צייט און איז געוואָרן אַ דויערנדיקע ערשיינונג.

3. **אַנקעטע וועגן דער עקאָנאָמישער לאַגע.** קודם כל האָט „יעקאָפּאָ" דורכגעפירט אַ גרינטלעכע אויספאָרשונג אויף די ערטער. חוץ פערזענלעכע באַזוכן דורך באַפולמעכטיקטע און פאַרטרעטער אין איינציקע וויכטיקערע פונקטן, האָט דער געגנט-קאָמיטעט אין פעברואַר און מערץ 1926 אויך דורכגעפירט אַ גענוי-באַאַרבעטע אַנקעטע אין אַלע שטעט און שטעטלעך פון זיין טעטיקייטס-ראַיאָן.

91 פונקטן האָבן זיך אָפּגערופן און האָבן צוגעשיקט דעטאַלירטע ענטפערס אויף די 30 פראַגן (11 גרופּעס) פון דער אַנקעטע. די אַנקעטעס (וואָס זיינען באַקומען געוואָרן אין משך פון חודש פעברואַר) האָט „יעקאָפּאָ" צוגעשטעלט צום פאַרטרעטער פון „דזשוינט" אין פוילן ה' י. גיטערמאַן צוזאַמען מיטן דערמאָנטן מעמאָראַנדום און פּראָיעקט פון 6 מערץ 1926.

אָט דער מאַטעריאַל, וואָס איז צונויפגעשטעלט געוואָרן אויפן יסוד פון דער דאָזיקער אַנקעטע וועגן דער עקאָ-

באַמישער לאַגע אין ווילנער געגנט און איז געווען בכלל דער ערשטער פון דעם מין, האָט געגעבן געוויסע ריכטליניעס פאַר דער גאַנצער ווייטערדיקער הילפס-אַקציע און ספּעציעל פאַר דער גרינדונג פון די גמילות-חסדים-קאַסעס.

4. **די גרינדונג פון די גמ"ח'ן.** „יעקאָפּאָ“ איז גלייך צוגעטראָטן צו גרינדן אַזוינע גמילות-חסדים-קאַסעס. דערביי איז איינגעפירט געוואָרן דער מאָדוס ניט אַפילו פון קליינפּראָצענטיקע הלוואות, נאָר פון אינגאַנצן אָנפּראָצענטיקע אויסצוצאָלן אין קליינע ראַטעס.

און שוין איינמאָל געגרינדעט, האָבן זיך די גמילות-חסדים-קאַסעס פאַרוואַנדלט אין שטענדיקע קרעדיט-אינסטיטוציעס, וואָס זיינען געוואָרן אומגעהויער פּאָפּולער אין די אַלע פאַרוואָרלאָזטע און אויסגעמאַטערטע פּראָווינציעלע שטעטלעך אַדאַנק די זייער נוצלעכע און ממשותדיקע ווירטשאַפטלעכע פונקציעס, וועלכע זיי האָבן מיט ערפאָלג אָנגעהויבן וואָס ווייטער אַלץ מער צו ערפילן און וועלכע קיינער ביז זיי האָט ניט ערפילט.

די שטעטל סווענציאַן אין ווילנער געגנט איז געווען די ערשטע, וואָס האָט אויסגעאַרבעט (אַדאַנק דער איניציאַטיוו פון הרב פּאָלאַנסקי) אַ סטאַטוט און געגרינדעט ביי זיך אַ גמילות-חסדים-קאַסע, וועלכע איז גלייך געקומען אין אַ קאָנטאַקט מיט „יעקאָפּאָ“. אין משך פון זייער אַ קורצער צייט האָט „יעקאָפּאָ“ געגרינדעט אַ ריי גמילות-חסדים-קאַסעס אין פאַרשיידענע פונקטן פון ווילנער און נאָוואָגרודקער וואָיעוואָדסטווע און די אַרבעט איז אַוועק אומגעהויער אינטענסיוו.

דעם 5 יולי 1926 האָט „יעקאָפּאָ“ שוין צוגעשטעלט דעם „דזשוינט“ אַ טעטיקייטס-באַריכט פאַר אַפּריל—יוני 1926, אין וועלכן ס'ווערט, צווישן אַנדערעס, געזאָגט:

„אין אונזער פּראָיעקט וועגן דער הילפס-אַקציע און מעמאָראַנדום פון 6 מערץ ה. י. האָבן מיר אָנגעוויזן און אַנטוויקלט דעם פּלאַן פון דער אַלגעמיינער הילפס-טעטיקייט לויט 8 ריכט-ליניעס. פאַר די 3 אָנגעוויזענע חדשים האָבן מיר אונזער אַלגעמיינע הילפס-טעטיקייט געפירט אין די גרעניצן פון די דערמאָנטע ריכט-ליניעס, אויף וויפיל דאָס האָבן אונז דערלויבט די מיטלען, וואָס דער ד. ד. ק. האָט אונז אַסיגנירט צוזאַמען מיט די מיטלען, וואָס זיינען געזאַמלט געוואָרן אויף די ערטער. די גרעסטע אויפמערקזאַמקייט האָבן מיר געלייגט אויף דעם פונקט פון לאַנגטערמיניקן קרעדיט, וואָס טראָגט פאַרקירצט דעם נאָמען „גמילות-חסד“, הגם זיינע איצטיקע פאָרמען זיינען אַנדערע, ווי אין די אַמאָליקע צייטן. דער דאָזיקער קרעדיט איז אינגאַנצן אָן אָנפּראָצענטיקער זלאָטע-קרעדיט אויף לענגערע טערמינען אויסצוצאָלן אין קליינע ראַטעס. מיר האָבן צו דעם צוועק אויסגעאַרבעט אַ געהעריקן סטאַטוט, אָפּגעדרוקט די נויטיקע ביכער, אויסגעאַרבעט די דעקלאַראַציעס, אינסטרוקציעס און אַנדערע אָנווייזונגען. די אַרבעט איז אַוועק אומגעהויער שנעל. מיר האָבן איר געפירט ווי מעגלעך אינטענסיווער, — און דאָך פאָרזיכטיק, — כדי צו באַפרידיקן די גרויסע נויט אויף דעם בעסערן פּראָדוקטיווערן אופן פאַר דעם געליטענעם דורכן קריזיס האַנטווערקער, קליינהענדלער און אַנדערע עלעמענטן. מיר האָבן אומעטום אויסגעפאָרשט, ווי ווייט מעגלעך, די לאַגע און ספּעציעל אין די פונקטן, וואו עס עקסיסטירן פאָלקסבענק. מיר האָבן געשטרעבט צו באַפרידיקן די נויט קודם כל פון די שוואַכערע און אָרעמערע עלעמענטן און געזוכט דעם וועג ווי צוצוקומען צו זיי מיט דעם גרעסטן נוצן פאַר דער זאַך. דורך די גמילות-חסדים-קאַסעס ווערן, אַלזאָ, באַדינט גרעסטנטיילס די עלעמענטן, וועלכע קענען ניט באַקומען אין די פאָלקסבענק קיין הלוואות, — צוליב זייער ניט גענוגנדיקער קרעדיט-פעאיקייט, — אָדער קענען דאָרט ניט נעמען קיין הלוואות צוליב די פאַי-געלטער, פּראָצענטן און באַוואָרענישן, מיט וועלכע די הלוואות אין די בענק זיינען פאַרבונדן. מיר קענען מיט צופרידנקייט קאָנסטאַטירן, אַז די הילף דורך די גמילות-חסדים, אָרגאַניזירט אויפן מאָדערנעם אופן, האָט געבראַכט די בעסטע רעזולטאַטן און האָט זיך טאַקע אַרויסגעוויזן פאַר איינע פון די פאַסנדסטע פּראָדוקטיווע פאָרמען פון שטיצע, וואָס דערנידעריקט ניט און דעמאָראַליזירט ניט דעם מקבל און האָט אין זיך מאָמענטן פון אַ געזונטער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. פאַר די 3 חדשים זיינען מיט אונזער הילף געגרינדעט, אינסטרואירט און סובסידירט געוואָרן 19 גמילות-חסדים-קאַסעס און 17 גמילות-הסדים-קאַסעס האַלטן אין געגרינדעט ווערן, בסך-הכל אין 36 פונקטן. די סובסידיעס פאַר די גמ"ח'ן ווערן אַרויסגעגעבן ראַטעסווייז צו 500, 1000, 1500, 2000 און 3000 זלאָטעס, אָפּהענגיק פון דער גרויס און נויט פון דער שטעטל, צאָל מיטגלידער, אייגענע קאַפּיטאַלן און פירונג פון גמ"ח".

5. **די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פון די גמ"ח'ן.** צום סוף יאָר 1926 האָט שוין „יעקאָפּאָ“ געהאַט 51 גמילות-חסדים-קאַסעס אין 51 פונקטן. די מיטלען פון די גמ"ח'ן האָבן באַטראָפן: קרעדיט פון „יעקאָפּאָ“ (ד. ד. ק.) 137.000 זלאָטעס; אייגענע מיטלען — 48.133 זל.; אָנפּראָצענטיקע פקדונות — 20.111 זלאָטעס; אומגעקערטע הלוואות — 335.743 זלאָטעס, בסך-הכל 541.487 זלאָטעס. אַרויסגעגעבענע הלוואות—500.100 זל.; אויסגעצאָלט פקדונות — 12.445 זל.; אַדמיניסטראַטיווע און אַנדערע הוצאות 5431 זל. בסך-הכל 517.978 זלאָטעס.

אין יאָר 1927 האָט „יעקאָפּאָ“ געהאַט 67 גמילות-חסדים-קאַסעס אין 67 פונקטן. די מיטלען האָבן פאַר דעם יאָר באַטראָפן: נייער קרעדיט פון „יעקאָפּאָ“ (ד. ד. ק.) פאַר דעם יאָר 51.800 זל.; אייגענע מיטלען 89.142 זל.; אָנפּראָצענטיקע פקדונות 71.372 זל.; אומגעקערטע הלוואות 1.509.735 זל., בסך-הכל 1.745.557 זלאָטעס. אַרויסגעגעבענע הלוואות 1.643.906 זל.; אויסגעצאָלט פקדונות 58.180 זל.; אַדמיניסטראַטיווע און אַנדערע הוצאות 16.499 זל., בסך-הכל 1.718.585 זלאָטעס.

אין יאָר 1928 האָט „יעקאָפּאָ“ געהאַט אין 71 פונקטן, 71 גמילות-חסדים-קאַסעס. די מיטלען פון וועלכע פאַר דעם יאָר האָבן באַטראָפן: קרעדיט פון „יעקאָפּאָ“ 3.700 זל.; אייגענע מיטלען — 92.533 זל.; אָנפּראָצענטיקע פקדונות — 86.108 זל.; אומגעק. הלוואות 1.787.521 זל., בסך-הכל 1.996.835 זלאָטעס. אַרויסגעגעבענע הלוואות 1.874.241 זל.; אויסגעצאָלטע פקדונות 73.325 זל.; אומגעקערט דעם ד. ד. ק. 13.774 זל.; אינווענטאַר 1.643 זל.; אַדמיניסטראַטיווע און אַנדערע הוצאות 23.589 זל., בסך-הכל 1.986.572 זלאָטעס.

אין יאָר 1929 האָבן זיך די גמילות-זסדים-קאַסעס פון „יעקאָפּאָ“, וועלכע האָבן דערגרייכט די צאָל פון 74, אַנטגילטיק פאַרפעסטיקט אין זייער פונקציאָנירונג. זיי זיינען שוין געווען אַלע לעגאַליזירט און דער ווייט-גרעסטער טייל פון זיי האָבן געפירט אַ גוטע בוכהאַלטעריע און פלעגן צושיקן אין „יעקאָפּאָ“ פּינקטלעך יעדן חודש מאָנאַטלעכע באַריכטן. די עצם טעטיקייט האָט זיך אַנטוויקלט, די הלוואות פלעגן אומגעקערט ווערן צו דער צייט, די אייגענע מיטלען זיינען געוואַקסן. אין פאַרגלייך מיט דער ביטערער נויט זיינען אָבער די געלט-מיטלען פון די גמ"ח'ן געווען צו קליין און גרויסע רייען נויטבאַדערפטיקע פלעגן מוזן וואַרטן אויף אַ הלוואה

פון וואָך צו וואָך. אַ גאַנצע ריי גמילות-חסדים-קאַסעס האָבן זיך אויסגעבילדעט אין אויסגעצייכנטע קרעדיט-אינסטיטוציעס, וואָס זייער טעטיקייט קען דינען פאַר אַ מוסטער אין אַלע הינזיכטן.

די צאָל מיטגלידער פון די גמילות-חסדים-קאַסעס פון „יעקאָפאָ" האָט אין יאָר 1929 באַטראָפן איבער 13.200.

גענויערע ציפער און דאַטן וועגן דער טעטיקייט פון די „יעקאָפאָ"-גמ"ח'ן אין אַלגעמיינעם און אין יעדן פונקט באַזונדער פאַר די גאַנצע צייט פון זייער טעטיקייט, ד. ה. פאַר די יאָרן 1926—1929, ווי אויך וועגן דער פראָפעסיאָנעלער צוזאַמענשטעלונג פון די מיטלידער פון די גמ"ח'ן, ווערן געבראַכט ווייטער.

חוץ אין ווילנער געגנט און אין גאַליציע, האָט זיך אויך אין גאַנץ פוילן די אַקציע פון די גמ"ח'ן שטאַרק פאַרשפּרייט. צום 1 יאַנואַר 1930 האָבן זיך אין קאָנגרעס פוילן און אויף די קרעסן געפונען 333 גמילות-חסדים-קאַסעס. אין גאַליציע—177 (פון זיי 112 אין מזרח-גאַליציע און 65 אין מערב-גאַליציע). צוזאַמען מיט די 74 גמ"ח'ן פון „יעקאָפאָ" האָט, אַלזאָ, די אַלגעמיינע צאָל גמילות-חסדים-קאַסעס אין גאַנץ פוילן באַטראָפן צו דער אָנגערופענער דאַטע—584.

דער גרונט-קאַפּיטאַל (אייגענער קאַפּיטאַל) פון די גמ"ח'ן האָט צום 1 יולי 1929 באַטראָפן 2,331.873 זל. די קרעדיטן פון ד. ד. ק. פאַר די גמ"ח'ן האָבן צו דער-זעלבער דאַטע באַטראָפן — 4.046.234 זלאָטעס. בלויז די געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציע פון דער באַוועגונג וואַרט נאָך דאָרט דערווייל (חוץ אין די אָנגערופענע געגנטן) אויף איר פאַרענטפערונג.

6. די יסודות פון דער אַרבעט אין די גמ"ח'ן.

קודם כל דאַרף מען פעסטשטעלן דעם כלל, אַז „יעקאָפאָ", ווי דער „דזשוינט", האָט געגרינדעט און געשטיצט נאָר צו 1 גמילות-חסדים-קאַסע אין 1 פונקט. דעריבער פאַלן תמיד צונויף די צאָל גמילות-חסדים-קאַסעס מיט דער צאָל פונקטן אָדער שטעט און שטעטלעך. די גמילות-חסדים-קאַסע (אָדער הילפס-קאָמיטעט)



פון דער שטאָט ווילנע גייט ניט אַריין אין דער צאָל פון די 74 גמ"ח'ן פון „יעקאָפאָ".

אַלס תנאַי איז יעדער קאַסע געשטעלט געוואָרן, אַז זי זאָל זיך לעגאַליזירן און איינפירן די געהעריקע בוכהאַלטעריע. צו דעם צוועק האָט „יעקאָפאָ" אויסגעאַרבעט די באַטרעפנדע סטאַטוטן און אַלע איבעריקע פאָרמולאַרן און אינסטרוקציעס, וואָס זיינען נויטיק צו דער לעגאַליזאַציע און פירונג פון דעם גמ"ח. אַ ספעציעלע פאַכמאַנישע קאָמיסיע פון געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפאָ" האָט אויסגעאַרבעט איינהייטלעכע בוכ-




שער-בלאַט פון אַלטן פנקס פון דער חברה גמילות-חסדים און הכנסת אורחים אין זשעטל פון יאָר תר"ד (1844).

האַלטערישע ביכער (לויט דער אַמעריקאַנער סיסטעם), האָט די ביכער אָפּגעדרוקט און האָט זיי איינגעפירט אין אַלע גמ"ח'ן פון זיין טעטיקייטס-ראַיאָן. גלייכצייטיק האָט „יעקאָפאָ" אויך אַרויסגעגעבן אַן אינסטרוקציע ווי צו פירן די ביכער און ווי זיי אָפּצושליסן צום סוף יאָר. ס'זיינען איינגעפירט געוואָרן אויך אַלע איבעריקע דרוקזאַכן, ווי באַריכטן, דעקלאַראַציעס, באַלאַנסן, בודזשעטן, ווי אויך פאָרמולאַרן, וואָס זייגען נויטיק אויף צוצושטעלן צו דער מאַכט יעדן





בודזשעט-יאָר אַלס באַריכטן בהסכם מיט די פאַראָרדענונגען פון געזעץ.

אין „יעקאָפאָ" פלעגט יעדער גמ"ח מוזן צושטעלן יעדן חודש אַ מאָנאַטלעכן פינאַנסיעלן און סטאַטיסטישן באַריכט, וואָס איז גענוי קאָנטראָלירט געוואָרן פון דער „יעקאָפאָ"-בוכהאַלטעריע און וועגן יעדן פעלער פלעגט געפירט ווערן די געהעריקע קאָרעספּאָנדענץ און אויפקלערונג.

אין יאָר 1928—1929 האָט דער געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפאָ" אויך דורכגעפירט דורך אַ ספעציעלן באַפולמעכטיקטן גענויע רעוויזיעס אויף די ערטער אין אַלע, אָן אויסנאַם, גמילות-חסדים-קאַסעס און וועגן יעדן איינצלנעם גמ"ח איז צונגעשטעלט געוואָרן אין קאָמיטעט אַ דעטאַליזירטער שריפטלעכער רעוויזיע-באַריכט, אַ פולע קאָפּיע פון וועלכן מיט דעם באַטרעפנדן בריוו פון „יעקאָפאָ" פלעגט גלייך אָפּגעשיקט ווערן צום גמ"ח מיטן צוועק צו פאַרריכטן די פעלערן און אויסבעסערן די פירונג פון גמ"ח. וואו ס'איז געווען נויטיק זיינען אויך דורכגעפירט געוואָרן הוספה-רעוויזיעס מיטן ציל פעסטצושטעלן צו די אָנגעמערקטע אויסבעסערונגען זיינען טאַקע דורכגעפירט געוואָרן אין לעבן. אויפן יאָר 1930 זיינען אָנגעמערקט אַ ריי ווייטערדיקע באַזוכן אין די גמ"ח'ן.

אומעטום האָט „יעקאָפאָ" געפאָדערט, אַז די גמ"ח'ן זאָלן שאַפן אייגענע מיטלען. לויטן סטאַטוט דאַרף יעדער מיטגליד פון גמ"ח איינצאָלן לטובת דער אינסטיטוציע 6 זלאָטעס אַ יאָר אָדער 50 גראָשן אַ חודש, אַלץ איינס צי ער באַקומט אַ הלואה אין גמ"ח צי ניט. די אָרעמערע פלעגט דער גמ"ח באַפרייען פון מיטגלידס-אָפּצאָל. פאַרקערט, אַ גאַנצע ריי מיטגלידער פלעגן צאָלן דעם מיטגלידס-אָפּצאָל, ניט באַנוצנדיק זיך מיטן גמ"ח. דער מיטגלידס-אָפּצאָל פלעגט קענען איינגעצאָלט ווערן ראַטעסווייז, אַפילו צו 10 גראָשן אַ וואָך, אַלס אַ וואָכער. ווייטער פירן דורך די גמ"ח'ן מיטן ציל צו פאַרגרעסערן זייערע הכנסות פאַרשיידענע זאַמלונגען ביי אַלערליי געלעגנהייטן אין שטעטל, אָרגאַניזירן אונטערנעמונגען, באַקומען נדבות, לעגאַטן, ירושות, אונטערשטי-

צונגען, סובסידיעס, פירן איין פנקסים, באַלדענע ביכער מיט גרעסערע נדבות א. אַז. וו.

די הלואות גיבן די גמ״ח׳ן אַרויס איינגאַנצן אָן פּראָצענט און אָן וועלכע ניט איז אַנדערע אָפּצאָלן אין וועלכער פאָרם זיי זאָלן ניט זיין. די הלואות ווערן אַרויסגעגעבן אין זלאָטעס אויסצו-צאָלן אין זלאָטעס אויף אַ טערמין ביז 6 חדשים אין וועכנטלעכע אָדער מאָנאַטלעכע ראַטעס. די גרויס פון אַ הלואה איז פון 20 ביז 200 זלאָטעס, דורכשניטלעך באַטרעפט אַ הלואה 75 זלאָטעס. די הלואות ווערן אַרויס-געגעבן אויף וועקסלען מיט זשירעס.

די אַדמיניסטראַטיווע הוצאות פון די גמ״ח׳ן זיינען מינימאַלע. אין אַ גרויסן טייל גמ״ח׳ן ווערט די גאַנצע אַר-בעט געפירט פון די מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג איינגאַנצן אומזיסט. אויף דעם לאָ-קאַל גיט די שטעטל. הוצאות זיינען נאָר פאַ-ראַן אויף די בוכהאַל-טערישע ביכער, שרייב-מאַטעריאַלן וכדומה. ס׳זיינען אויך געווען איינמאָליקע הוצאות אויף לעגאַליזאַציע און אָרגאַניזאַציע פון גמ״ח. אין אַ ריי גרעסערע גמ״ח׳ן, אָבער, ווערט שוין געוויינלעך געצאָלט מאָנאַטלעך דעם בוכ-האַלטער און ס׳זיינען אויך פאַראַן הוצאות אויף אַ דירה א. א. לויט אַ דעקלאַראַציע פון די אָנפירנדיקע מיטגלידער פון גמ״ח ווערט אויך אַריינבעטראָגן אין „יע-קאָפּאָ“ אַ געוויסער מיטגלידס-אָפּצאָל אַלס אַ קליינער צושטייער אויף די הוצאות אָנצופירן מיט די גמ״ח׳ן.

זייער שטאַרק ווערט געקעמפט אין די גמ״ח׳ן מיט די פאַרלעגענע חובות, אָפטמאָל מיט גרויס ערפאָלג. די קליענ-טור פון די גמ״ח׳ן איז דער אָרעמסטער טייל פון דער באַפעלקערונג, וואָס פירט דעם ביטערסטן און עלנדסטן קיום. די



הלואה פון גמ״ח איז זיין וויכטיקסטע שטיצע אין קאַמף פאַרן קיום. אַפילו אין קליינע ראַטעס, איז אים אויך ניט זעלטן שווער אויסצוצאָלן. אָבער דאָך קען מען מיט גרויס צופרידנקייט פעסט-שטעלן, אַז בדרך כלל צאָלן די לוים אין די גמ״ח׳ן גאַנץ פּינקטלעך און אויך די פאַרלעגענע חובות ווערן אָפּגעצאָלט.



7 תקנות (ענייני גמילות-חסדים, א—ז) פון אַלטן ושעטלער גמילות-חסד, פאַרשריבן אין פנקס פון דער חברה.

אין אַ ריי גמ״ח׳ן איז די פּינקטלעכקייט פון די צוריקצאָלונגען ממש צו באַוואונ-דערן. די באַפעלקערונג אַליין היט די גמ״ח׳ן ווי אַ וויכטיקע אינסטיטוציע, זי פאַרשטייט עס צו טאָן, ווייל אין גרעסטן טייל פאַלן קען דער קליענט פון גמ״ח ניט באַקומען קיין הלואה ערגעץ אַנדערשוואו. אין פאָלקסבאַנק



דאַרף ער צאָלן פּראָצענט, דאַרף איינ-צאָלן אַ פּאַי און אַנדערע התחייבותן (וואָס איז ניט לויט זיינע כוחות) און ער איז אויך ניט אויף אַזויפיל קרעדיט-פעאיק, אַז ער זאָל בכלל קענען ווערן אַ געווינשטער מיטגליד פון דער באַנק. ס׳זיינען דעריבער פאַראַן אַ ריי פאַלן, ווען די פאָלקסבענק אַליין בעטן, אַז מען זאָל ביי זיי אין די שטעטלעך גרינדן גמילות - חסדים - קאַסעס. ווייל אַ וועלכער ניט איז קאָנקורענץ אָדער רייבונגען צווישן דער באַנק און גמ״ח קען גאָר קיין שום רייד ניט זיין.

די גמ״ח׳ן זיינען דע-ריבער פאַראַן אין דעם ווייט - גרעסטן טייל שטעטלעך פון ווילנער און נאָוואָגרודקער וואָ-יעוואָדסטווע, הן אין די פונקטן, וואו קיין קאָאָפּעראַטיווע פאָלקס-בענק זיינען ניט פאַראַן (און דאָרט זיינען די גמ״ח׳ן בכלל די איינ-ציקע יידישע קרעדיט-אינסטיטוציעס) והן אין די פונקטן, וואו קאָאָפּע-ראַטיווע פאָלקסבענק עקסיסטירן. די קליענ-טור פון דעם גמ״ח און פון דער באַנק איז, ווי געזאָגט, אַ פאַרשיידנ-אַרטיקע און דאָרט, וואו זי פאַלט אין אַ געוויסן גראַד צונויף, איז עס ניט קיין שטער פאַר די אינסטיטוציעס.

די קרעדיטן פאַר די גמ״ח׳ן, וואָס „יעקאָפּאָ“ גיט אַרויס פון די „דזשוינט“ - געלטער, ווערן אויך געגעבן אויף וועקסלען מיט אונטער-שריפטן פון די פאַר-וואַלטונגס - מיטגלידער און שטעמפל פון גמ״ח. די קרעדיטן זיינען, נאַטירלעך, אָנ-פּראָצענטיקע און ווערן אַרויסגעגעבן אויסצוצאָלן אין גלייכע האַלביעריקע (אָדער אַנדערע) ראַטעס אין אַ משך ביז 10 יאָר (אַ טייל קרעדיטן — אויך אויף קירצערע טערמינען). די פעליקע ראַ-טעס (אָנהויבנדיק פון יאָר 1928) האָבן כמעט אַלע גמ״ח׳ן איינגעצאָלט פּינקט-

די יסודות פון אָרגאַניזירן די קורסן און באַוואָרענען די אינטערעסן פון די פּראָווינציעלע צוהערער זיינען אָנגענומען געוואָרן אויף דער זיצונג פון עקזעקוטיווע פון „יעקאָפּאָ“ דעם 20 נאָוועמבער 1919. דעם שרייבער פון די שורות איז איבערגעגעבן געוואָרן צו אונטערהאַנדלען מיט דעם פאַרוואַלטער פון דער בילדונגס-אָפּטיילונג פון קהילה ד״ר יוסף בערגער וועגן פּראָגראַם און כאַראַקטער פון די קורסן, ווי אויך צונויפצורופן צו דעם צוועק באַראַטונגען מיט די לערער.

די געמיינזאַמע אונטערהאַנדלונגען האָבן געבראַכט צו אַ הסכם בנוגע די פּראָגראַמאַטישע און אָרגאַניזאַציאָנעלע פונקטן און ס'איז אויך געבילדעט געוואָרן אַ ספּעציעלע קאָמיסיע פון פאָרשטייער פון „יעקאָפּאָ“, קהילה, בילדונגס-צענטראַלעס און לערער-געזעלשאַפטן אויף אויסצואַרבעטן דעם לערנפּלאַן. אַז אַלע הכנות זיינען דורכגעפירט געוואָרן, האָבן זיך די קורסן געעפנט און אָנגעהויבן צו פונקציאָנירן אין דער ערשטער העלפט יאַנואַר 1920. דער אַרויסלאָז פון די קורסן (מיט אַטעסטאַטן) איז געווען אָנהויב יוני 1921. דער פאַרוואַלטער פון די קורסן איז געווען דער לערער ל. טורבאָוויטש, די פאַרוואַלטונג איז באַשטאַנען פון פאַרטרעטער פון „יעקאָפּאָ“ און קהילה (צו 3), ווי אויך פון די לערער-געזעלשאַפטן (צו 1) און פון לעקטאָרן-ראַט (2).

אַ באַזונדערע אַכט איז געלייגט געוואָרן אויף די מעגלעכקייטן, אַז די קורסן זאָלן קענען באַזוכן צוהערער פון פּראָווינץ און אַז די פּראָווינציעלע שולן זאָלן קענען באַקומען פון די קורסן די געהעריקע לערער.

די ביידע פונקטן זיינען געווען באַזונדערס וויכטיק פאַר „יעקאָפּאָ“, ווייל זי האָט קודם-כל געהאַט אין זינען די שנעלע פאַרשפּרייטונג פון דער יידישער שול-נעץ אויף דער פּראָווינץ און האָט געשטרעבט אויסצובילדן די פאַסיקסטע לעירערשע קרעפטן פאַר די פּראָווינציעלע שולן, וועלכע זי האָט געגרינדעט און געשטיצט און וועלכע זיינען געווען דער דרינגנדסטער און וויכטיקסטער געבאָט פון יענע תהו ובהו-צייטן.

אין דעם זייער גענויעם שריפטלעכן באַריכט, וואָס דער פאַרוואַלטער פון די קורסן ל. טורבאָוויטש האָט צוגעשטעלט דעם קאָמיטעט „יעקאָפּאָ“ פאַר די צייט פון 15 פעברואַר ביזן 12 יוני 1920, ווערט וועגן דעם געזאָגט פאָלגנדעס:

„צווישן די צוהערער געפינען זיך אַ באַדייטנדיקע צאָל נויטבאַדערפטיקע, אין אַ באַזונדערס שווערער לאַגע האָבן זיך געפונען די קורסיסטן פון דער פּראָווינץ, דער גרעסטער טייל פון וועלכע האָט ניט געקאָנט באַקומען קיין שטיצע פון דער היים און האָט אויך ניט געהאַט קיין באַשעפטיקונג אין שטאָט. פאַרזאָרגן די פּראָווינציעלע קורסיסטן מיט מאַטעריעלע הילף אין פאַרשיידענע פאָרמען האָט גענומען אויף זיך דער געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ“, וועלכער גיט אַרויס די פּראָווינציעלע קורסיסטן מאָנאַטלעכע סובסידיעס. די סובסידיעס האָבן די גרעסטע באַדייטונג פאַר דער אַרבעט פון די פּראָווינציעלע קורסיסטן, געבנדיק זיי די מעגלעכקייט אינגאַנצן זיך אָפּגעבן זייער דירעקטער אַרבעט, צוליב וועלכער זיי זיינען געקומען אין שטאָט“.

„כדי צו באַפרידיקן די דרינגנדיקע באַדערפעניש פון דער פּראָווינץ איז שוין אין דעם ערשטן יאָר אויסגעטיילט געוואָרן, בהסכם מיטן באַשלוס פון לעקטאָרן-ראַט, אַ גרופּע פון 20—25 צוהערער, וועלכע זאָלן קענען אַרויסגעלאָזט ווערן אין האַרבסט 1920“.

די צוהערער אויף די קורסן פלעגן צוגענומען ווערן מיט אַ געוויסן (מיטעלן) בילדונגס-צענז אָדער זיי פלעגן עקזאַמענירט ווערן ביים אָנקומען. דער קאָנטינגענט צוהערער איז געווען אַ גרויסער און די קורסן האָבן געהאַט אַ באַדייטנדיקן ערפאָלג.

פון דעם אויבן-אָנגערופענעם באַריכט איז קענטיק, אַז די קורסן האָבן זיך זייער גוט אַנטוויקלט. זיי האָבן געהאַט צוויי אָפּטיילונגען (פאַר רעאַלע און פאַר נאַציאָנאַל-הומאַניטאַרע למודים), אויף וועלכע ס'האָבן זיך געלערנט 139 צוהערער, פון זיי 50 מענער און 89 פרויען. צוהערער פון פּראָווינץ, וואָס זיינען ספּעציעל געקומען פון די שטעטלעך, זיינען געווען 25. געלערנט אויף די קורסן האָט מען פאָלגנדיקע געגנשטאַנדן: פּסיכאָלאָגיע, פּעדאַגאָגיק, היגיענע, צייכענען, געזאַנג, גימנאַסטיק, האַנטאַרבעט, פּויליש (אָבליגאַטאָרישע למודים פאַר ביידע אָפּטיילונגען); אַנאַטאָמיע, פיזיאָלאָגיע, כעמיע, פיזיק, פּראָפּעדעווטישע געאָמעטריע, געאָגראַפיע, מעטאָדיק פון אַריפמעטיק און אַלגעברע, באָטאַניק, יידיש, העברעאיש, יידישע געשיכטע (אָפּטיילונג פאַר רעאַלע למודים); יידיש, יידישע שפּראַך-וויסנשאַפט, העברעאיש, תנ״ך, יידישע געשיכטע, אַלגעמיינע געשיכטע, מאַטעמאַטיק, נאַטורוויסנשאַפט (אָפּטיילונג פאַר נאַציאָנאַל-הומאַניטאַרע למודים). די צאָל שעה'ן און די גרויס פון קורס זיינען געווען צוגעפּאַסט צו די באַטרעפנדיקע אָפּטיילונגען. די אונטערריכטס-שפּראַך אויף ביידע אָפּטיילונגען און פאַר אַלע למודים איז געווען יידיש. אַלס אויסנאַם, זיינען די העברעאישע למודים און יידישע געשיכטע, דערהויפּט אויף דער נאַציאָנאַל-הומאַניטאַרער אָפּטיילונג, טיילמאָל געלערנט געוואָרן אויף העברעאיש.

חוץ די טעאָרעטישע למודים פלעגן דורכגעפירט ווערן פּראַקטישע אַרבעטן. ספּעציעל פּעדאַגאָגיש-פּראַקטישע אַרבעטן פלעגן די צוהערער דורכגיין אין די ווילנער יידישע פאָלקסשולן און מיטלשולן. וועגן דעם ווערט דערציילט אין דערמאָנטן באַריכט פאָלגנדעס:

„פון צייט צו צייט פלעגן די פּראַקטיקאַנטן געבן פּראָבע-לעקציעס אויף דעם אָדער יענעם למוד און נאָך אייניקע אַזוינע לעקציעס זיינען אַ גאַנצע ריי פּראַקטיקאַנטן צוגעצויגן געוואָרן דורך די פּעדאַגאָגישע ראַטן פון די שולן צו רעגולערע לעקציעס. בכלל דאַרף ווערן קאָנסטאַטירט, אַז די פּראַקטיקאַנטן האָבן זיך אַרויסגעוויזן אויף אַזוי פיל אַרבעטספּעאיק, אַז די פּעדאַגאָגישע ראַטן האָבן געפונען פאַר מעגלעך צוצוציען זיי צום גאַנצן אינערלעכן לעבן פון די שולן און זיך באַנוצן מיט זייער הילף אין דער ברייטסטער מאָס“.

אַזוינע פּ־אַקטיקאַנטן האָבן די קורסן געגעבן שוין אין ערשטן יאָר 51.

חוץ דעם זיינען אין דער צייט פון די זומער-קאָלאָניעס אַ גאַנצע ריי צוהערער צוגעצויגן געוואָרן צו דער אַרבעט אויף די שפּיל-פּלעצער און אין די זומער-קאָלאָניעס.

פון 20 אָוגוסט ביזן 1 סעפּטעמבער 1920 איז פאָרגעקומען אַ נייער אויפנאַם פון צוהערער לויט נייע פאָדערונגען. אויך די פּראָגראַם פון די קורסן איז פאַרפולקאָמט און אַנדערש איינגעטיילט געוואָרן.

די קורסן האָבן ערפילט זייער אויפגאַבע בשלימות. די קורסן האָבן געענדיקט 75 צוהערער (פון זיי 21 פון פּראָווינץ), פון וועלכע איבער 50 זיינען פאַרבליבן לערער און טרייע טוער אין די שולן. פונקט ווי די שולן גופא אַזוי אויך די פּעדאַגאָגישע קורסן זיינען געווען נאָך דער מלחמה די ערשטע בילדונגס-אַנשטאַלטן אויף דער אייגענער שפּראַך, וואָס האָבן געלייגט דעם יסוד פאַר דער גאַנצער ווייטערדיקער קולטור-טעטיקייט.

צווישן די לעקטאָרן פון די קורסן האָבן זיך געפונען: ש. אייזיקאָוו, מ. אָליצקי, י. ד. גאָרדאָן, י. גיליגיטש, י. גערשטיין, ח. א. חזן, ל. טורבאָוויטש, ש. ידידאָוויטש, ד״ר ה. ייבין, ל. לאָ-

זאָווסקי, ב. ליובאָצקי, ד. ליובאָצקי, ד״ר מ. לעווין, א. לעווין, ל. מירסקי, מ. י. נאַדעל, מ. סאָלאָוויי, מ. סעניצקי, י. פאַט, גאָלדע פאָך, ג. פלודערמאַכער, י. צעמעל, א. טשאַסטראָוו, י. רובין, ז. רייזען, ד״ר י. רעגנסבורג, מ. שאָליט, ראָזע סימכאָוויטש, די קינסטלער ב. זאַלקינד, מ. לייבאָווסקי, מ. קאָדקין, י. שער א. א.

אַ גרעסערן אַרטיקל וועגן די קורסן האָט דער צוהערער פון די קורסן ל. ברודנאָ אָפגעדרוקט אין פנקס פון דער היסטאָריש-עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט (ווילנע, 1922).

5. פרעבל-קורסן, שפילפלעצער-קורסן, קורסן פאַר קאָאָפעראַציע און פאָליטעכנישע קורסן. גלייכצייטיק האָט „יעקאָפאָ״ אויך געזאָרגט וועגן די איבעריקע צווייגן פון דער קולטור-טעטיקייט, וואָס זיינען געווען פאַרבונדן מיטן אויסבילדן אַ קאַדער טוער אויפן געזעלשאַפטלעכן געביט און אויפן שול-געביט. די פעדאַגאָגישע קורסן האָבן געהאַט דעם צוועק אויסצובילדן לערער פאַר די יידישע שולן, ס׳האָבן אָבער אויך געפעלט לערער און דערציער פאַר די קינדער-גערטנער, זומער-קאָלאָניעס, שפיל-פלעצער און יתומים-הייזער, וואָס האָבן זיך געעפנט אָדער וואָס „יעקאָפאָ״ האָט זיי געשטיצט, דערהויפט אויף דער פראָווינץ.

אויב די פעדאַגאָגישע קורסן האָט „יעקאָפאָ״ געגרינדעט און געפירט צוזאַמען מיט דער בילדונגס-אָפטיילונג פון דער ווילנער קהילה האָט זי די פרעבל-קורסן געשטיצט צוזאַמען מיטן צ. ב. ק. (צענטראַלן בילדונגס - קאָמיטעט) און „אָזע״. דעם בודזשעט פון די קורסן האָבן געדעקט די אַלע דריי געזעלשאַפטן, אָבער „יעקאָפאָ״ האָט נאָך חוץ דעם געגעבן, ווי ביי די פעדאַגאָגישע קורסן, אַ ריי ספעציעלע סובסידיעס. די פאַרוואַלטערינס פון די קורסן זיינען געווען ראָזע סימכאָוויטש און מ. א. אָקון. אין דער פאַרוואַלטונג זיינען אַריין פאַרשטייער פון אַלע דריי געזעלשאַפטן. די קורסן האָבן פונקציאָנירט 2 יאָר (1920—1921) און האָבן דערגרייכט זייער צוועק, אַרויסלאָזנדיק 40 (פון 46) צוהערערינס, פון וועלכע 31 זיינען אַוועק אַרבעטן אין די אַנשטאַלטן, אַ טייל אויף דער פראָווינץ, אַלס צוגעגרייטע דערציערינס און פרעבעליסטינס. ביי די קורסן האָבן זיך אויך געפונען קורצטערמיניקע קורסן (צוויי - חדשים׳דיקע) פון שפיל-פלעצער. 16 צוהערער און צוהערערינס זיינען גלייך נאָכן פאַרענדיקן די קורסן אָפגעשיקט געוואָרן פון „יעקאָפאָ״ אין פראָווינץ אַ טייל פאַר די דאָרטיקע אַנשטאַלטן און אַ טייל אויף זומער-אַרבעטן. אויך די נייטיקע מכשירים און שפילצייג האָט „יעקאָפאָ״ באַזאָרגט.

די קורסן פאַר קאָאָפעראַציע האָט „יעקאָפאָ״ געגרינדעט און אינגאַנצן אויסגעהאַלטן (אין זעלבן יאָר 1920) מיטן ציל צוצוגרייטן די נייטיקע טוער פאַר די קאָאָפעראַטיווע אינסטיטוציעס און געזעלשאַפטן (קרעדיט-, איינקויף-, קאָנסום- און פראָדוציר-קאָאָפעראַציע), וועלכע זי האָט געשאַפן. דער פאַרוואַלטער פון די קורסן איז געווען אינזשיניער י. אָקון. די קורסן האָבן געדויערט 4 חדשים. פאַרשריבן זיינען געווען 60 צוהערער, געענדיקט האָבן 15.

די פאָליטעכנישע קורסן זיינען געווען אַ המשך פון די טעכנישע קורסן, וואָס די חברה „מפיצי השכלה״ אין ווילנע האָט געגרינדעט נאָך אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופאַציע. אין יאָר 1919 זיינען זיי באַנייט געוואָרן אונטער פאַרשיידענע נעמען און סובסידירט געוואָרן פון קהילה און פון דעם אַזויגערופענעם פאַראייניקטן קאָמיטעט פאַר פראָדוקטיווע הילף, וועלכער איז באַשטאַנען פון פאַרטרעטער פון „יעקאָפאָ״, קהילה, „אָרט״ א. א. שפעטער זיינען די קורסן פאַרברייטערט געוואָרן און באַקומען דעם נאָמען פאָליטעכנישע. זיי האָבן געהאַט דעם צוועק אויסצובילדן קוואַליפיצירטע טעכניקער און בוי-אַרבעטער אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אויפריכטונג פון דער געגנט נאָך די מלחמה-געשעענישן. „יעקאָפאָ״ האָט די קורסן אַ לענגערע צייט (אין די יאָרן 1919—1921) סובסידירט און צוזאַמען מיט „אָרט״, צו וועמען זיי זיינען אַריבער, האָט זי זיך באַטייליקט אין זייער פאַרוואַלטונג און אָנפירונג.

6. די אַנטאָקאָלער שול. די דאָזיקע שול, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן פון דער חברה „מפיצי השכלה״ אין ווילנע אין יאָר 1916, איז פון „יעקאָפאָ״ צוזאַמען מיטן צענטראַלן בילדונגס-קאָמיטעט אין ווילנע אין יאָר 1920 רעסטאַווּרירט געוואָרן אַלס פירקלאַסיקע פאָלקס-שול מיט דעם צוועק, אַז די קינדער פון צענטראַלן „יעקאָפאָ״-אינטערנאַט, וועלכער האָט זיך געפונען אין דער ווילנער פאָרשטאָט אַנטאָקאָל, זאָלן זיך דאָרט לערנען (ז. אויבן, זייטן 207—216). „יעקאָפאָ״ האָט גרינטלעך רעמאָנטירט דעם בנין פון דער שול און האָט געדעקט דעם גרעסטן טייל פון איר בודזשעט. אין נאָוועמבער 1920 האָבן זיך געלערנט אין דער שול 126 קינדער, פון זיי 70 קינדער פון „יעקאָפאָ״-אינטערנאַט. נאָכן שליסן זיך פון אינטערנאַט אין יאָר 1922 איז די שול רעדוצירט געוואָרן ביז אַ צוויי-קלאַסיקער און אין אַ פאָר יאָר אַרום האָט זי זיך אינגאַנצן פאַרמאַכט צוליב דעם ניט גענוגנדן קאָנטינגענט קינדער, וואָס אַנטאָקאָל אַליין האָט געקענט געבן.

7. די גרינדונג פון ביבליאָטעקן און די אַנטוויקלונג פון דער ביבליאָטעקן-נעץ. צוגלייך מיט דער גרינדונג פון די שולן האָט „יעקאָפאָ״ אויך אָנגעהייבן אַ ברייטע טעטיקייט אויפן געביט פון ביבליאָטעק-וועזן. אין די מאָנאַטלעכע בודזשעטן, וואָס די שטעטלעך פלעגן באַקומען פון „יעקאָפאָ״ פון יאָר 1919 אָן, איז געווען אַ ספעציעלע רובריק פאַר קולטורעלע הילף, וואָס האָט חוץ די שולן אויך כולל געווען די ביבליאָטעקן. אַלע ווענדונגען פון די אָרטיקע טוער אין דער הינזיכט פלעגן דאַן שטענדיק באַפרידיקט ווערן. „יעקאָפאָ״ האָט אויך געגעבן די איניציאַטיוו צו גרינדן ביבליאָטעקן אין אַ ריי שטעטלעך, האָט געהאָלפן דורכפירן די לעגאַליזאַציעס און האָט אַרויסגעגעבן די געהעריקע סובסידיעס. צום 1 אַפריל 1921 האָבן שוין עקסיסטירט איבער 50 גוט-פונקציאָנירנדיקע געזעלשאַפטלעכע ביבליאָטעקן אין 50 פונקטן פון פראָווינץ (קיין אַנדערע ביבליאָטעקן חוץ געזעלשאַפטלעכע זיינען אויף דער פראָווינץ בכלל ניט געווען).

די אַרבעט אויפן ביבליאָטעקן-געביט האָט „יעקאָפאָ״ אויך געפירט נאָכן איבערגעבן די שולן צו די געהעריקע בילדונגס-צענטראַלעס אין יאָר 1921 און האָט זי אין אַ גרעסערער אָדער קלענערער מאָס פאָרגעזעצט אויך אין ד׳ שפעטערדיקע יאָרן. די הויפט-אַרבעט איז נאַטירלעך געווען אין די ערשטע יאָרן 1919—1922, ווען די גאַנצע פראָווינץ איז אַ דאַנק דער מיטהילף פון „יעקאָפאָ״ באַדעקט געוואָרן מיט אַ נעץ פון ביבליאָטעקן. שפעטער זיינען בלויז אַרויסגעגעבן געוואָרן איינציקע סובסידיעס פון צייט צו צייט מיט געלט אָדער מיט ביכער און אין איינצלנע פאַלן האָט די הילף ניט אויפגעהערט אין משך פון ד׳ גאַנצע 11 יאָר (1919—1930). די הילף איז געווען ניט נאָר אַ מאַטעריעלע, נאָר אויך אַ יורידישע און אַ אינסטרוקטאָרישע.

די ביבליאָטעקן האָבן אין די ערשטע יאָרן געהאַט זייער פיל איבערצולעבן. ניט איין מאָל זיינען זיי חרוב געוואָרן, פאַרברענט אָדער פאַרניכטעט געוואָרן,— און נאָך די מהומות איז זיי אויסגעקומען ווידער און ווידער אויפצובויען און אויפצוריכטן. אין די קליינע שטעטלעך

איז בכלל זייער קיום געווען ניט קיין זיכערער און די גרעסטע מי און ענערגיע האט דא אפגעגעבן די יוגנט, וועלכע פלעגט תמיד אפהיטן די ביבליאטעק, פלעגט מאכן אונטערנעמונגען, שטעלן פיעסן, פירן דראמאטישע און מוזיקאלישע קרייזלעך און די הכנסה פון די ספעקטאקלען און אוונטן פלעגט זי אפגעבן פאר דער ביבליאטעק.

אין יאר 1925 האט „יעקאפא" דורכגעפירט א גענויע אנקעטע צווישן 25 ביבליאטעקן, דער עיקר אין קלענערע און פארווארלאזטע שטעטלעך פון ווילנער פראווינץ. די אנקעטע האט באוויזן, אז אפילו אין די דאזיקע, דאס רוב זייער קליינע פונקטן, עקסיסטירן און אנטוויקלען זיך ביבליאטעקן. צוזאמען האבן די 25 געזעלשאפטלעכע ביבליאטעקן פארמאגט 17.170 ביכער אויף יידיש, העברעאיש, רוסיש און פויליש, פון זיי אויף יידיש—11.875 ביכער (69,1 פראצ.), העברעאיש—3.395 (19,8 פראצ.), רוסיש—1.734 (10,1 פראצ.) און פויליש—166 (1 פראצ.„ — שפעטער איז דער פראצענט פון פוילישע ביכער ביסלעכווייז געוואקסן און איז אין די ווייטערדיקע יארן געווארן א גאנץ באדייטנדיקער).

6 ביבליאטעקן האבן אונטערגעשטראכן, אז זייער גרינדונג און עקסיסטענץ האבן זיי צו פארדאנקען דערהויפט „יעקאפא", איייניקע האבן זיך פאררופן אויף די באקומענע הילף פון זייערע רעליעפן אין אמעריקע, אלע האבן אבער אנגעוויזן אויף די איבערגעגעבענע ארבעט פון דער יוגנט און אויף דאס לייעןגעלט, ערבות-געלט, מיטגלידס-אפצאל און אונטערנעמונגען אלס אויף די וויכטיקסטע מקורים פון זייער הכנסה און קיום.

אין די לעצטע יארן האט זיך די הילף פון „יעקאפא" אויסגעדריקט דער עיקר אין יורידישע אינטערווענצן און סובסידיעס מיט געלט אדער ביכער ביי באזונדערס וויכטיקע אדער אויסערארדנטלעכע פאלן.

8. דער ביכערלאגער. כדי צו באזארגן די שולן און די ביבליאטעקן, וואס „יעקאפא" האט מיטגעהאלפן צו שאפן, מיט ביכער, ווי אויך כדי בכלל צו באזארגן די אנשטאלטן מיט א צוטריטלעכן יידישן און העברעאישן בוך (און שפעטער אויך כדי צו נארמירן די פרייזן אויפן ביכערמארק און פארלייכטערן די באדינגונגען) האט דער געגנט-קאמיטעט „יעקאפא" געגרינדעט אין יאר 1920 א צענטראלן ביכערלאגער, וועלכער איז אין משך פון יארן געווען דער אייניציקער אין זיין מין, געזעלשאפטלעכער, גרעסטער אלגעמיינער יידישער ביכערלאגער אין געגנט און ווייט איבער די גרעניצן פון געגנט.



דער ביכערלאגער האט פארמאגט אלע וויכטיקסטע יידישע און העברעאישע לייען-ביכער און אויסגאבן פון אלע פארלאגן אין דער גאנצער וועלט, ווי אויך אלע נויטיקע לערנביכער און מכשירים (אריינגערעכנט העפטן און שרייבגעצייג) פאר אלע שולן און לערנאנשטאלטן אן אונטערשייד פון ריכטונג.

אין די ערשטע יארן האט „יעקאפא" דורך דעם ביכערלאגער ברייט סובסידירט אירע דעמאלטיקע איבער 150 קולטור- און בילדונגס-אנשטאלטן, שפעטער זיינען די סובסידיעס ארויסגעגעבן געווארן דער עיקר פאר די אנשטאלטן אין די צוראינירטע שטעטלעך, דערנאך נאר אין ספעציעלע פאלן. אין א ריי אנדערע פאלן האט דער ביכערלאגער געגעבן גרעסערע הנחות און ווייטגייענדיקסטע פארלייכטערונגען ביים איינקויפן ביכער און מכשירים.

אין יאר 1924 איז דער ביכערלאגער פארוואנדלט געווארן אין א קאאפעראטיווע געזעלשאפט, פארבלייבנדיק ווי פריער אונטער דער אנפירונג פון „יעקאפא".

דער ביכערלאגער האט אויך ארויסגעגעבן די ערשטע גרויסע מאדערנע געאגראפישע קארטעס אויף יידיש און העברעאיש (בשותפות מיטן פארלאג א. ג. סירקין, פארפארטיקט אין בערלין, פון פאכמענער; די טעקסטן צונויפגעשטעלט פון ד"ר א. אלשוואנגער), איייניקע לערנביכער (בשותפות מיט דער שול-ארגאניזאציע), מעדיצינישע בראשורן (צוזאמען מיט „אזע") א. א.

נאכן ערפילן זיינע פונקציעס (צום אנהויב זייער גרויסע און ברייטע, שפעטער בהסכם מיט די באדינגונגען — אלץ קלענערע און שמעלערע) במשך פון 10 יאר צייט איז דער ביכערלאגער פון יאר 1930 אן ביסלעכווייז ליקווידירט געווארן.

9. סובסידיעס פאר פארשיידענע קולטור - געזעלשאפטן. חוץ דער שוין אויבנדערמאנטער סיסטעמאטישער און גרעסערער צענטראלער ארבעט אויפן געביט פון שולן, קורסן און ביבליאטעקן האט „יעקאפא" אויך מיטגעהאלפן דער עקסיסטענץ פון א ריי אנדערע קולטורעלע געזעלשאפטן און אונטערנעמונגען און האט זיי ארויסגעגעבן פון צייט צו צייט געוויסע סובווענצן.

אזוי האט „יעקאפא" סובסידירט די שול-אויסשטעלונג ביים קולטורהויז און די טעאטער-געזעלשאפט אין ווילנע (אין יאר 1920); דעם ליטעראטן- און זשורנאליסטן-פאראיין און דעם יידישן און העברעאישן לערער-פאראיינען (אין יאר 1920, — אין די שפעטערדיקע יארן איייניקע מאל סובסידיעס און הלואות); די היסטאריש - עטנאגראפישע געזעלשאפט (אין די ערשטע יארן); אויסשטעלונגען פון קינדער-ארבעט; פאנד אויפן נאמען פון שריפטשטעלער א. ווייטער און די ווייטער-מצבה (אין יאר 1921); א גאנצע ריי סובווענצן צענדליקער איינצלנע קולטור- און בילדונגס-אנשטאלטן (אין די יארן 1922—1929) א. אז. וו.



10. דער זשורנאל „אונזער הילף". דעם אייגענעם ארגאן פון „יעקאפא", דעם זשורנאל „אונזער הילף", איז באשלאסן געווארן ארויסצוגעבן (אונטער דער רעדאקציע פון מ. שאליט) אויף דעם זיצונג פון עקזעקוטיווע פון געגנט-קאמיטעט דעם 3 מאי 1921. דער זשורנאל האט געהאט די אויפגאבע צו באלייכטן אלע פראגן פון הילף און אויפבוי. דאס איז געווען דער ערשטער זשורנאל פאר אזוינע צוועקן אויף יידיש.

דעם 2 יוני 1921 (כ"ה אייר תרפ"א) איז ארויס דער 1—2 (דאפלטער) נומער פון זשורנאל אין דער גרויס פון דריי און א האלבן דרוקבויגן. דער זשורנאל איז ערשינען אין משך פון 3 יאר צייט (1921 — 1923) צו 12 נומערן א יאר (איינצלנע אדער צו איייניקע אין א ביכל) אין 14 ביכלעך פאר די דריי יאר צייט און 1 ביכל אין יאר 1924, צוזאמען 46 דרוקבויגן.

אין די ביכלעך זיינען געדרוקט א ריי פראגראמאטישע ארטיקלען, מאטעריאלן, דאטן, טאבעלן, טעטיקייטס- און פינאנץבאריכטן וועגן דער ארבעט פון „יעקאפא", ווי אויך פון אן אלגעמיינעם עקאנאמישגעזעלשאפטלעכן ווערט אויף די געביטן פון הילף און אויפבוי.

צווישן די מיטארבעטער פון „אונזער הילף" האבן זיך געפונען: אינזש. י. אקין, ד"ר י. וויגאדסקי, י. וואלק, העשל הורוויטש, אדוו. י. יאכוועד, י. כארלאש, ארכ. ב. ליפאווסקי, קאאפ. ה. מלמד, ארכ. פ. סמארגאנסקי, אגר. ח. פייגין, ב. פרומקין, א. קליאנסקי, א. קונין, ד"ר צ. שאבאד, מ. שאליט א. א.

חוץ דעם זיינען ארויסגעגעבן געווארן א באזונדערער ביכל וועגן דער ערשטער קאנפערענץ פון „יעקאפא" און איייניקע באריכטן און בראשורן.

נאך דעם, ווי „אונזער הילף" האט אויפגעהערט צו ערשיינען, איז באשלאסן געווארן ארויסצוגעבן אלס בוך פון 10 יאריקן יובילײ פון געגנט-קאמיטעט „יעקאפא" אין ווילנע (רעכענענדיק פון יאר 1919) דעם איצטיקן פנקס אונטערן נאמען „אויף די חורבות פון מלחמות און מהומות".

||||≡|||≡||||

מ. שאַליט

# פאַרשיידענע מינים הילף



חוץ אויף די גרונט־געביטן פון יידישע הילף, היימלאָזע און רעפּאַטריאַנטן, עמיגראַציע, אויפבויאונג פון חרוב־געוואָרענע פון דער מלחמה בנינים, פאָלקס־הייזער, יתומים־פאַרזאָרגונג, גמילות־חסדים־קאַסעס, קולטורעלע טעטיקייט (די באַריכן וועגן וועלכע ס'זיינען געבראַכט אויבן) איז דער געגנט־קאָמיטעט „יעקאָפּאָ" אין ווילנע געווען טעטיק אויך אויף אַנדערע אַזוי צו זאָגן זייטיקע פאַר אים געביטן פון הילף און אויפבוי, וואָס האָבן אָבער פאַרנומען אַ וויכטיקן אָרט אין אויפריכטן די געגנט און די יידישע באַפעלקערונג און וואָס זיינען שפּעטער געוואָרן דאָס גאַנצע פּראָגראַם און אינהאַלט פון אַ ריי אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס, וועלכע האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין זעלבשטענדיקע און צענטראַלע געזעלשאַפטן פון אַ גרויסן פאַרנעם. אַזוי האָט „יעקאָפּאָ" פון אָנהייב געפירט אַרבעטן פון שפּעטערדיקן „אָרט" און „אָזע" פון איין זייט און פון קאָאָפּעראַטיוון פאַרבאַנד און צענטראַלער קאָאָפּעראַטיווער פאָלקסבאַנק פון דער אַנדער זייט. מיטן אַנטשטיין אָדער אַנטוויקלונג פון די דאָזיקע אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס אין ווילנע און געגנט (צו וועלכע „יעקאָפּאָ" האָט ניט ווייניק מיטגעהאָלפן אָדער אַפילו געגעבן די איניציאַטיוו) האָט „יעקאָפּאָ" זיי איבערגעגעבן די באַטרעפנדע אַרבעטן, פריער פירנדיק די טעטיקייט — די ערשטע יאָרן — מיט זיי צוזאַמען און דורך זיי אין ענגסטן קאָנטאַקט. אַ ריי, ווידער, אַנדערע אינסטיטוציעס און אַנשטאַלטן האָט „יעקאָפּאָ" געהאָלפן גרינדן און סובסידירט און איז בכלל געווען דער צענטער, אַרום וועלכן ס'האָבן זיך דאַן גרופּירט אַלע אינסטיטוציעס פון פּראָדוקטיווער הילף אין ווילנע און אַלע אָן אויסנאַם אַנשטאַלטן און אויפטוען אין געגנט. גלייכצייטיק האָט „יעקאָפּאָ" אויך געפירט די אַקציע פון אינדיווידועלער הילף אין ווילנע און געגנט.

מיר וועלן זיך דאָ אָפּשטעלן אויף די וויכטיקסטע פון די דאָזיקע פאַרשיידענע מינים הילף, וואָס זיינען געפירט געוואָרן פון „יעקאָפּאָ".

1. קאָאָפּעראַציע, קרעדיט, געברויך, פּראָדוציר, איינקויף. די אַרבעט האָט „יעקאָפּאָ" אָנגעהויבן צו פירן שוין אין דעם ערשטן יאָר פון זיין עקסיסטענץ צווישן די אומזיכערסטע און אומגינסטיקסטע באַדינגונגען. אין דער סובווענץ, וואָס איז געגעבן געוואָרן די שטעטלשע קאָמיטעטן, האָט זיך אויך געפונען אַ טייל אויף פּראָדוקטיווע הילף, וואָס האָט אין דער ערשטער ריי כולל געווען אַלערליי קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען, אָנהייבנדיק פון געזעלשאַפטלעכע בעקערייען און ענדיקנדיק מיט פאָלקסבענק, אָדער קרעדיט־אינסטיטוציעס, ווי גמילות־חסדים־קאַסעס א. א. (ז. אויבן זייטן 304—305). די טעטיקייט האָט אַרומגענומען אַלע פאָרמען פון קאָאָפּעראַציע. ס'זיינען געגרינדעט געוואָרן ניט נאָר קרעדיט־קאָאָפּעראַטיוון (פאָלקסבענק, ליי־ און שפּאַר־קאַסעס), נאָר אויך געברויכס־קאָאָפּעראַטיוון, איינקויפס־קאָאָפּעראַטיוון און פּראָדוציר־קאָאָפּעראַטיוון, אין אַ פּאָר ערטער אויך לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָאָפּעראַטיוון.

שוין דעם 25 מאַי 1919 איז אויף אַ פּלענאַרער זיצונג פון „יעקאָפּאָ" באַשלאָסן געוואָרן צו פאַראינטערעסירן זיך מיט דער יידישער באַנק (ערשטע ליי־ און שפּאַר־קאַסע) אין ווילנע, איינער פון די עלטסטע (און איצט פון די שטאַרקסטע) יידישע קאָאָפּעראַטיווע אינסטיטוציעס פון פאַר דער מלחמה, וואָס האָט דאַן צוריק אָנגעהויבן איר טעטיקייט און זיך געווענדעט צום געגנט־קאָמיטעט „יעקאָפּאָ" נאָך אַ סובסידיע, וואָס זאָל איר העלפן זיך צוריקשטעלן. ס'איז אויסגעקליבן געוואָרן צו דעם צוועק אַ קאָמיסיע, וועלכע האָט אָנערקענט פאַר נויטיק אַריינצוגיין מיט דער באַנק אין נעענטערע באַציאונגען. ס'האָט זיך אַפילו פּראָיעקטירט, אַז די דאָזיקע באַנק זאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ צענטראַלע פאַרן גאַנצן געגנט. דער פּלאַן איז שפּעטער אָפּגעפאַלן, אָבער אַ אונטערשטיצונג האָט די באַנק באַקומען. אין יוני 1920 האָט די באַנק אויך דערהאַלטן פון „יעקאָפּאָ" אַ גרעסערע קרעדיט־סומע אויף אַרויסצוגעבן הלוואות דער פאַגראָמירטער יידישער באַפעלקערונג, ווי אויך דעפּאָזיטן. דער פּלאַן וועגן אַ צענטראַלע איז ווייטער קאָנטינויִרט געוואָרן, דערביי האָבן זיך באַזונדערס באַטייליקט די מיטגלידער פון קאָמיטעט ב. כהן און נ. א. קאָוואַרסקי. „יעקאָפּאָ" האָט אין משך פון דער צייט אויפגעבויט עטלעכע צענדליק קרעדיט־קאָאָפּעראַטיוון און אַ ריי אַנדערע קאָאָפּעראַטיוון און די צאָל איז אַלץ געוואַקסן. ס'איז געוואָרן דרינגענד נויטיק אַ שטענדיקע אינסטרוקטאָרישע הילף און אַ באַנק־צענטראַלע. „יעקאָפּאָ" האָט געעפנט ביי זיך אַ באַזונדערע קאָאָפּעראַטיווע אָפּטיילונג, אין וועלכע ס'האָבן געאַרבעט (חוץ די באַפולמעכטיקטע און מיטגלידער פון קאָמיטעט) אַלס רעווידענטן און אינסטרוקטאָרן די ה"ה י. כאַרלאַש און מ. אימיאַניטאָוו און ס'האָט ביי פאַרשיידענע פעלן מיטגעהאָלפן (ספּעציעל פאַר געברויכס־קאָאָפּעראַציע) ה. מלמד. די אָפּטיילונג איז געווען טעטיק אין די יאָרן 1920—1922 און האָט צוגעגרייט דעם באָדן פאַר דער שפּעטערדיקער אָרגאַניזירטער יידישער קאָאָפּעראַציע אין ווילנע און ווילנער—נאָוואָגרודקער געגנט. ס'זיינען צונויפגערופן געוואָרן פון געגנט־קאָמיטעט „יעקאָפּאָ" אין ווילנע קאָנפערענצן און באַראַטונגען פון די קאָאָפּעראַטיוון, וואָס ער האָט געגרינדעט און סובסידירט (צוויי קאָנפערענצן פון די ליי־ און שפּאַר־קאַסעס — 45 דעלעגאַטן — דעם 30—31 מערץ און 31 אויגוסט 1921 און אַ באַראַטונג פון געברויכס־קאָאָפּעראַטיוון — 17 דעלעגאַטן — דעם 31 מערץ און 1 אַפּריל 1921) און צווישן אַנדערע ענינים האָבן זיי אויך אַקצעפּטירט די שטעלונג פון קאָמיטעט וועגן גרינדן אַ פאַרבאַנד פון קאָאָפּעראַטיוון און אַ צענטראַלע פינאַנץ־אינסטיטוציע. דער פּלאַן וועגן אַ קרעדיט־צענטראַלע איז שוין דאַן מער ניט געווען קיין טעאָרעטישע פראַגע. אויף דער זיצונג פון עקזעקוטיווע פון קאָמיטעט דעם 17 יאַנואַר 1921 איז מיטגעטיילט געוואָרן דער וויכטיקער פאַקט, אַז דער געגנט־קאָמיטעט „יעקאָפּאָ" האָט באַקומען פון דער רעגירונג אַ קאָנצעסיע אויף אַ יידישע צענטראַלע קאָאָפּעראַטיווע פאָלקסבאַנק אין ווילנע און אויף דער זיצונג פון דער עקזעקוטיווע דעם 3 מאַי 1921 איז באַשלאָסן געוואָרן צו לייען דער צענטראַלער באַנק אַ גרעסערע סומע, פון די מיטלען פון קאָמיטעט, כדי זי זאָל קענען אָנהויבן איר טעטיקייט, וואָס איז אויך געשען און דעם 14 יולי 1921, איז פאָרגעקומען די פייערלעכע עפענונג פון דער ווילנער צענטראַלער קאָאָפּעראַטיווער באַנק, וועלכע עקסיסטירט ביז היינטיקן טאָג און נעמט אַרום אַלס אירע מיטגלידער ביי 100 קאָאָפּעראַטיוון (אַלע פאָלקס־בענק—88—און אַנדערע קאָאָפּעראַטיווע אינסטיטוציעס) פון ווילנער, נאָוואָגרודקער און אַ טייל ביאַליסטאָקער וואָיע

וואודסטוועס). דעם פאַרבאַנד האָט דאַן פאַרביטן די אַנגערופענע קאָאָפּעראַטיווע אָפּטיילונג פון „יעקאָפּאָ“, ביז וואַנען אָנהויב יאָר 1923 (אין אַפּריל חודש) איז ביי דער ווילנער צענטראַלער באַנק געגרינדעט געוואָרן פאַר ווילנער געגנט אַן עקספּאָזיטור פון פאַרבאַנד פון די יידישע קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטן אין פוילן, וועלכער האָט דעם 6 דעצעמבער 1922 באַקומען פון דער רעגירונג רעוויזיע-רעכט. און אויף אַזאַ אופן האָט דער געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ“ די גאַנצע יידישע קרעדיט-קאָאָפּעראַציע, וואָס ער האָט געגרינדעט און אויסגעהאַלטן אין ווילנער געגנט, איבערגעגעבן די ניי-אַנטשטאַנענע לויט זיין איניציאַטיוו און ספּעציעל דערצו באַרופענע אינסטיטוציעס.

די געברויכס-קאָאָפּעראַציע האָט „יעקאָפּאָ“ אַנטוויקלט שוין פון יאָר 1919. אויף דער זיצונג פון עקזעקוטיווע פון קאָמיטעט דעם 21 דעצעמבער 1919 איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ קאָמיסיע פאַר דעם צענטראַלן איינקויף פון סחורות פאַר די דאָזיקע קאָאָפּעראַטיוון, וועלכע האָט געאַרבעט אין יאָר 1920. אין יאָר 1921 איז אויך געשאַפן געוואָרן פון „יעקאָפּאָ“ אַ צענטראַלע איינקויפס-ביוראָ פאַר די פּראָווינציעלע קאָנסום-קאָאָפּעראַטיוון, וועלכע. ער האָט געגרינדעט און געשטיצט (אַזוינע קאָאָפּעראַטיוון זיינען דאַן געווען בערך 15). דערביי האָט „יעקאָפּאָ“ מיטגעאַרבעט מיט די בירגערלעכע און קלאַסן-קאָאָפּעראַטיוון אין ווילנע, דערהויפּט מיטן קאָאָפּעראַטיוו „אַרבעטער“, וועלכער איז געבליבן עקסיסטירן לענגער ווי אַלע איבעריקע קאָנסום-קאָאָפּעראַטיוון, וואָס נאָך אַ פּאָר יאָר טעטיקייט האָבן זיי זיך ביים איינשטעלן אַ מער-ווייניק סטאַבילן ווירטשאַפטלעכן לעבן געשלאָסן און קיין אַנדערע יידישע קאָנסום-קאָאָפּעראַציע איז מער ניט אַנטשטאַנען.

„יעקאָפּאָ“ האָט אויך אַקטיוו מיטגעווירקט צו דער גרינדונג פון די ווילנער פּראָדוציר-קאָאָפּעראַטיוון אין יאָר 1919 און צו זייער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג (ביז 19 איינצלנע קאָאָפּעראַטיוון פון פאַרשיידענע פאַכן, פאַראייניקט אין איין צענטראַלער פאַרוואַלטונג און אין איין בנין, מיט איבער 400 אַרבעטער), האָט זיי מאַטעריעל געשטיצט — זיי אויך אַרויסגעגעבן די *ערשטע* געלט-שטיצע — און האָט געזאָרגט וועגן גרעסערע באַשטעלונגען פאַר זיי אין משך פון זייער טעטיקייט אין די ערשטע יאָרן. אַזוי האָט „יעקאָפּאָ“ אין פאַרבינדונג מיטן דעמאָלטיקן „דזשוינט“-פאַרטרעטער אין וואַרשע ה' אַדאָלף קראַקאָווסקי זיי געגעבן אַ באַשטעלונג אויף 10.000 פּאָר לעדערנע שיך און נאָך פריער אויף טויזנטער לייוונטענע און לעדערנע שיך (1920—1919), אויף 8.000 מעטער בגדים (אָנהויב 1921), אויף טויזנטער איינבונדן פון ביכער א. אַז. וו. די ווילנער פּראָדוציר-קאָאָפּעראַטיוון עקסיסטירן אָן אויפהער ביז אויף היינטיקן טאָג, הגם שטאַרק פאַרקלענערט (די פּרובן פון פּראָדוציר-קאָאָפּעראַטיוון אויף דער פּראָווינץ האָבן ניט אויסגעהאַלטן) און זיינען פון די ווייניקע גרעסערע יידישע אינסטיטוציעס פון דעם מין אין פוילן.

„יעקאָפּאָ“ האָט אויך געפּרובט שאַפן אין יאָר 1919 אַ קאָאָפּעראַטיווע פאַבריק (דער פּרוב האָט זיך ניט איינגעגעבן) אויף דער פּראָווינץ, אין סוועניציאַן. וועגן די קורסן פאַר קאָאָפּעראַציע איז שוין גערעדט געוואָרן אויבן (זייט 341), וועגן דער קאָאָפּעראַטיווער אַפּטייק ז. ווייטער (זייט 355—356).

2. *לאַנדווירטשאַפט, קאָלאָניעס, פערמעס, זריעה.* די געגנט-הילף, וואָס „יעקאָפּאָ“ האָט געגעבן די שטעטלעך פון יאָר 1919 אָן, האָט נאַטירלעך אויך אַרומגענומען די יידישע קאָלאָניעס, וואָס געפינען זיך אין ווילנער געגנט און די לאַנדווירטשאַפטלעכע טעטיקייט, אויף וויפיל זי איז דאַן געפירט געוואָרן אין די קאָלאָניעס אָדער ביי די שטעטלעך. אויף דער ערשטער קאָנפערענץ פון „יעקאָפּאָ“ דעם 9 סעפּטעמבער 1919 האָט דער באַפולמעכטיקטער פון קאָמיטעט ה' י. וואַלק געהאַלטן אַ באַזונדערן רעפעראַט וועגן די יידישע לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלאָניעס. ער האָט אָנגעציילט אין ווילנער געגנט 32 יידישע קאָלאָניעס און ישובים מיט 4095 דעסיאַטין ערד און מיט אַ באַפעלקערונג פון בערך 2390 נפשות (ז. דעם באַריכט וועגן דער ערשטער קאָנפערענץ, באַזונדערער ביכל). אַ גרויסער טייל פון די דאָזיקע קאָלאָניעס און ישובים האָט אין משך פון די ערשטע יאָרן באַקומען פון קאָמיטעט רעגלמעסיק פאַרשיידענע סובסידיעס.

אַ ספּעציעלע אַקציע, וואָס האָט אָפּגעקאָסט דעם קאָמיטעט פיל מיטלען און ענערגיע, איז געווען די אונטערשטיצונג פון דער גרויסער לאַנדווירטשאַפטלעכער מוסטער-פערמע און שול (אָדער קאָלאָניע) „וועליטשאַני“ (240 דעסיאַטין) 13 קילאָמעטער הינטער ווילנע. די קאָלאָניע איז אָנגעפירט געוואָרן פון דער ווילנער געזעלשאַפט „הילף דורך אַרבעט“ בראש מיטן אינזש. א. קלעבאַנאָוו און פאַרשטאַרבענעם (דעם 20 דעצעמבער 1920 אין עלטער פון 51 יאָר,—געב. אין יאָר 1870) ד"ר א. מאַקאָווער און האָט געהאַט דעם ציל אויסצובילדן יידישע קוואַליפיצירטע ערד-אַרבעטער און פאַרשפּרייטן לאַנדווירטשאַפט צווישן יידן. „יעקאָפּאָ“ האָט אַ לענגערע צייט אַרויסגעגעבן אויף וועליטשאַני אַ מאָנאַטלעכע שטיצע, חוץ איינמאָליקע גרעסערע סובסידיעס און ספּעציעלע אַסיגנירונגען. די שול האָט עקסיסטירט 5 יאָר (אַפּריל 1916—אַפּריל 1921, איז אָפּגענומען געוואָרן פון דער פוילישער מאַכט) און האָט אויסגעבילדעט אַ פּאָר הונדערט יידן אין לאַנדווירטשאַפט, פון זיי עטלעכע גרופּעס יונגעלייט, וועלכע האָבן זיך שפּעטער איינגעאָרדנט אין לאַנד און אין אויסלאַנד אַלס אינסטרוקטאָרן אָדער קוואַליפיצירטע ערד-אַרבעטער, ווי אויך אַלס מיטגלידער פון לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָאָפּעראַטיוון אָדער שילער פון העכערע לאַנדווירטשאַפטלעכע שולן.

„יעקאָפּאָ“ האָט אויך אַ געוויסע צייט געשטיצט די לאַנדווירטשאַפטליכע קאָלאָניע „זשוראַוויצי“ ניט ווייט פון ווילנע, וועלכע האָט זיך אין יאָר 1920 פאַרוואַנדלט אין אַ קאָאָפּעראַטיוו, אָנגעפירט פון די פּראָדוציר-קאָאָפּעראַטיוון און סובסידירט פון „אָרט“. דער פּרוב האָט ניט לאַנג געהאַלטן.

אין די יאָרן 1919—1920 האָט דער קאָמיטעט „יעקאָפּאָ“ פיל געזאָרגט וועגן זריעה פאַר די קאָלאָניסטן. פון די „דזשוינט“-אַסיגנירונגען פלעגט אָפּגענומען ווערן אַ געוויסער טייל, אויף וועלכן ס'פלעגט איינגעקויפט ווערן פאַר די קאָלאָניסטן זריעה, כדי זיי זאָלן קענען פאַרזייען די פעלדער. „יעקאָפּאָ“ האָט אויך אויסגעווירקט ביים „דזשוינט“ ספּעציעלע סומעס אויף זריעה און הילף די קאָלאָניסטן, וועלכע איז געגאַנגען דורך „אָרט“. „יעקאָפּאָ“ האָט דאַן אויך אַ געוויסע צייט אויסגעפועלט ביי דער מאַכט, אַז אויף זיינע באַשטעטיקונגען זאָל מען די יידישע ערד-אַרבעטער, וואָס האָבן געליטן פון מלחמה אין די שטעטלעך און ישובים פון ווילנער גוב., אַרויסגעבן די נויטיקע זריעה. מיט דער אַרבעט האָט זיך באַזונדערס אינטערעסירט דער מיטגליד פון קאָמיטעט ה' א. לאַנגבאָרט.

שפּעטער איז די לאַנדווירטשאַפטלעכע טעטיקייט איבערגעגעבן געוואָרן אָדער איז איבערגעגאַנגען צו „אָרט“ און דערנאָך דער עיקר צו יק"אַ.

3. *פּראָדוקטיווע הילף, פּראָפעסיאָנעלע שולן, מלאכה.* אויף דעם געביט אין ענגערן זין פון וואָרט האָט „יעקאָפּאָ“ געאַרבעט צוזאַמען מיט

„אָרט", „הילף דורך אַרבעט", „פראָדוציר-קאָאָפעראַטיוון" א. א., וועלכע האָבן אין דער ערשטער צייט געבילדעט געמיינזאַם מיט דער ווילנער קהילה אַ „קאָמיטעט פאַר פראָדוקטיווע הילף", וואָס האָט עקסיסטירט אין יאָר 1919—1920 און האָט געהאַט דעם צוועק צו טיילן דאָס אָנגעקומענע אַמעריקאַנער שטיצגעלט פאַר פראָדוקטיווע צוועקן אין ווילנע און געגנט. פון דעם דאָזיקן געלט האָבן גענאָסן דער האַנטווערקער-פאַראיין, פראָדוציר-קאָאָפעראַטיוון, טעכנישע קורסן, „הילף דורך אַרבעט", „אָרט", צענטראַל-ביוראָ פון די פראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, פראָדוקטיווע אָפטיילונג ביי דער קהילה א. אַז. וו. אַ באַזונדערע גרעסערע אַקציע האָט „יעקאָפאָ" אונטערגענומען מיטן צוועק אויסצובילדן די פראָווינציעלע קינדער אין אַ פאַך און האָט אויך געעפנט די ערשטע פראָפעסיאָנעלע שולן און וואַרשטאַטן אויף דער ווילנער פראָווינץ, דהיינו אין אָשמענע (דאַמען- און מענער-שניידעריי; שטעפעריי און שוסטעריי) און סמאָרגאָן (סטאָלעריי), וועלכע זיינען שפעטער געפירט געוואָרן געמיינזאַם פון „יעקאָפאָ" און „אָרט" און האָבן עקסיסטירט אין די יאָרן 1920—1923, אַרויסלאָזנדיק אַ קאַדר גוט-צוגעגרייטע יונגעלייט אין די באַטרעפנדע פאַכן. ביים אָרגאַניזירן די פאַך-שול אין אָשמענע האָט מיטגעהאָלפן אינזש. א. קלעבאַנאָוו, וועלכער האָט לויט דעם אויפטראָג פון „יעקאָפאָ" צוגעשטעלט אַ פלאַן פון עפענען פאַך-שולן אויך אין גלובאָקע, איוויע, לידע א. א. (צו וואָס ס'זיינען שוין אויך געמאַכט געוואָרן פון „יעקאָפאָ" די נויטיקע הכנות און טיילווייז אָנגעגרייט די מכשירים, שפעטער געעפנט אין גלובאָקע און לידע פון „אָרט", אָבער נאָך אַ פאָר יאָר עקסיסטענץ פאַרמאַכט). דאַן איז באַשלאָסן געוואָרן צו ברענגען דאָס רוב געהעריקע קינדער קיין ווילנע און אויסבילדן זיי אין אַ מלאכה אין די ווילנער פראָפעסיאָנעלע שולן, טעכניקום און וואַרשטאַטן, ווי אויך ביי פריוואַטע מייסטערס, וואָס איז אויך דורכגעפירט געוואָרן מיט גרויס ערפאָלג (ז. אויבן זייטן 246—249, 272—273 און די טאַבעלן אויף די זייטן 277—279) און ווערט געפירט ביז אויף היינטיקן טאָג. מיטן פאַרמאַכן די שולן אויף דער פראָווינץ איז אָבער די גאַנצע געגנט (חוץ דער שטאָט ווילנע) געבליבן אָן איין-איינציקער יידישער פראָפעסיאָנעלער שול און איז ביז איצט פון קיין דערצו באַרופענער געזעלשאַפט ניט קאָמפענסירט געוואָרן. אין יאָר 1921—1922 האָט „יעקאָפאָ" אויך געהאַט אַ שוסטעריי-וואַרשטאַט ביי זיין דעמאָלטיקן צענטראַלן אינטערנאַט אין ווילנע (ז. אויבן זייטן 214—215). גלייכצייטיק האָט „יעקאָפאָ" געשטיצט די געזעלשאַפט „שוקדי מלאכה" אין נאָוואָגרודעק (פון יאָר 1919 ביז 1930, ווען ס'ווערט פראָיעקטירט צו עפענען דאָרט אַ וואַרשטאַט).

וועגן אַלע אַנדערע מינים פראָדוקטיווע הילף, אין ברייטערן זין פון וואָרט, וואָס „יעקאָפאָ" האָט געפירט, ווערט גערעדט אין פאַרשיידענע טיילן פון פנקס.

4. **מעדיצינישע הילף, מעדיקאַמענטן-לאַגער, פאָפולערע מעד. בראָשורן, מעדיציניש-סאַניטאַרע צענטראַלע, קאָאָפעראַטיווע אַפטייק, שוועסטער-שול, הייל-אַנשטאַלטן.** פון ערשטן טאָג אַרבעט פון קאָמיטעט איז שוין געגעבן געוואָרן מעדיצינישע הילף אין געגנט, וועלכע איז געווען אינגאַנצן צורואינירט פון די מלחמות און מהומות און אין אַ סך ערטער האָבן געבושעוועט עפידעמישע קראַנקייטן. פאַרן קאָמיטעט איז געשטאַנען די אויפגאַבע צו באַזאָרגן די שטעטלעך הן מיט דאָקטוירים והן מיט מעדיקאַמענטן, ווי אויך גרינדן און שטיצן פאַרשיידענע אָרטיקע בקור-חולים'ס, לינת-הצדק'ס, אייז-קעלערס, רויטע מגן דוד'ס, אַפטייקלעך א. אַז. וו. שפעטער איז אין איניקע שטעטלעך אויך געמאַכט געוואָרן אַ פרוב צו עפענען דאָקטוירים-פונקטן אָדער אַמבולאַטאָריעס. צום אָנהויב איז די אַרבעט געפירט געוואָרן זעלבשטענדיק, דערנאָך צוזאַמען מיט „אָזע" אָדער דורך „אָזע", וועלכער ס'איז איבערגעגעבן געוואָרן די מעדיציניש-סאַניטאַרע זייט, די סובסידירונג אָבער פון דער אַרבעט, ווי אויך די אויסהאַלטונג און אָנפירונג מיט די אָרטיקע אינסטיטוציעס פאַר מעדיצינישע צוועקן אין די שטעטלעך איז גרעסטנטיילס נאָך לאַנג פאַרבליבן ביים קאָמיטעט „יעקאָפאָ", וועלכער פלעגט באַשטימען אויף די צוועקן אַ געוויסן טייל פון די חודשדיקע סובסידיעס, וואָס די שטעטלעך פלעגן באַקומען. חוץ דעם פלעגט ער געבן ספעציעלע אַסיגנירונגען אויף צענטראַלע מעדיציניש-סאַניטאַרע אַרבעטן. אַזוי איז געגאַנגען די אַרבעט אין די שווערסטע יאָרן 1919—1921 און צוזאַמען מיט „יעקאָפאָ" האָבן דאָ ענג מיטגעאַרבעט די פאַרטרעטער פון „אָזע" ד"ר ג. א. קאָוואַרסקי און ד"ר י. יאַבראָוו, שפעטער ד"ר ג. געלמאַן.

כדי צו באַזאָרגן די פראָווינץ מיט מעדיקאַמענטן האָט „יעקאָפאָ" געעפנט אין ווילנע אַ גרויסן צענטראַלן לאַגער פון מעדיציניש-סאַניטאַרע פרעפאַראַטן, הייל-מיטלען, מאַטעריאַלן, שטאָפן און מכשירים. דער לאַגער האָט געאַרבעט צוויי יאָר צייט (פון 1919 ביז יוני 1921) און האָט אין יענע בהלהדיקע יאָרן ערפילט אַ וויכטיקע אויפגאַבע אין גראַנגל מיט די עפידעמיעס און קראַנקייטן, באַזאָרגנדיק די באַפעלקערונג מיט הייל-מיטלען, וועלכע ס'וואָלט אַנדערש אויסגעקומען צו קריגן מיט גרויסע שוועריקייטן און פאַר הויכע פרייזן. דער לאַגער פלעגט געבן די מעדיקאַמענטן פאַר אַ קליינעם אָפצאָל און אין פיל נויטיקע פאַלן אינגאַנצן אומזיסט. שפעטער איז דער רעשט לאַגער איבערגעגעבן געוואָרן „אָזע", אַ טייל פאַרן זעלבסטקאָסטן-פרייז און אַ טייל אומזיסט.

גלייכצייטיק האָט „יעקאָפאָ" אויך אָפגעדרוקט אַ ריי פאָפולערע בראָשורן (צונויפגעשטעלט פון ספעציאַליסטן אין קאָנטאַקט מיט „אָזע") וועגן קלעפיקע קראַנקייטן א. א., וועלכע זיינען פאַרשפרייט געוואָרן איבער דער פראָווינץ אין צענדליקער טויזנטער עקזעמפלאַרן. אויך די בראָשורן האָט „יעקאָפאָ" שפעטער איבערגעגעבן „אָזע".

„יעקאָפאָ" האָט אויך געפירט אַ באַזונדערע מעדיצינישע הילפס-אַקציע צווישן היימלאָזע און רעפאַטריאַנטן, וועגן וועלכער ס'איז גערעדט געוואָרן אויבן (ז. זייטן 63—64).

אַ נייע ווענדונג האָט געקראָגן די גאַנצע אַרבעט אין הערבסט 1921, ווען ס'האָט זיך געגרינדעט אין ווילנע די מעדיציניש-סאַניטאַרע צענטראַלע (ז. אויבן זייט 167), אין וועלכער אויך „יעקאָפאָ" איז געווען אַקטיוו פאַרטראָטן און טעטיק און וועלכע האָט אין משך פון איר דריי-יאָריקער עקסיסטענץ געבויט בעדער (ווי אויך אַרטעזיאַנישע ברינימער און היגיענישע קלאָזעטן), רעמאָנטירט שפיטאָלן, געגרינדעט אַמבולאַטאָריעס און דאָקטוירים-פונקטן, געפירט אַ גרויסע אַקציע קעגן פאַוואָס, אַ פראָפאַגאַנדיסטישע טעטיקייט פון אַ פראָפילאַקטישן און היגיענישן כאַראַקטער, שול-מעדיצין, אַ לאַגער פון בוי- און וואַסערלייטונגס-מאַטעריאַלן, געשטיצט ספאָרט א. אַז. וו. איר מעדיציניש-סאַניטאַרע אַרבעט האָט זי געפירט דורך „אָזע", ביי אַלע אירע אַרבעטן אויף דער פראָווינץ איז זי געשטאַנען אין אַן ענגן קאָנטאַקט מיט „יעקאָפאָ" און אין שטאָט ווילנע מיטן מעדיצינאַל-ראַט (אָזע, משמרת חולים, זווערינעצער שפיטאָל פון קהילה, מכבי). אַלע צוזאַמען (יעקאָפאָ, אָזע, קהילה און מעדיצינאַל-ראַט) האָבן געבילדעט די צענט-

ראַלע אויף פּאַריטעטע יסודות. אַ געוויסע צייט האָט זיך נאָך אין איר אויך באַטייליקט דער פאַרטרעטער פון ד. ד. ק. ד״ר באַנאָוו, וועלכער איז געווען דער פאָרשטייער פון מעדיצינישן דעפּאַרטאַמענט פון „דזשוינט״ אין פּוילן אונטער דער אָנפירונג פון ד״ר גאָלוב און ד״ר שמידט. דער פאָרזיצער פון דער צענטראַלע איז געווען ד״ר ג. גערשון, דער סעקרעטאַר — מ. באַלבערישסקי. די טעטיקייט, וואָס די צענטראַלע האָט אַנטוויקלט, איז געווען אַ גאַנץ באַדייטנדע און ממשותדיקע (גענויער וועגן איר פּראָגראַם ז. „אונזער הילף״ 1921, נומ׳ 9–12).

אַ אינטערעסאַנטער פּרוּוו איז געווען די גרינדונג פון אַ קאָאָפּעראַטיווער אַפּטייק אין פּאַדבראָדז אין סעפּטעמבער 1920, וואָס האָט עקסיסטירט אַ פּאָר יאָר און איז געשטיצט געוואָרן פון „יעקאָפּאָ״ (ז. „אונזער הילף״ 1921, נומ׳ 3 און 4–5). די אַפּטייק איז געווען אַ ריין־געזעלשאַפטלעכע, געבויט אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות און אין איר האָט גענומען אָן אָנטייל די גאַנצע באַפעלקערונג אָן אונטערשייד פון נאַציע (פּאָליאַקן, יידן, ליטווינער). לויט איר סטאַטוט האָט זי געהאַט רעכט איינצולאַדן אַ דאָקטאָר, פעלדשער, אַקושערין, וועטערינאַר, צאָן־דאָקטאָר און שליסן מיט זיי אָפּמאַכן, עפענען אַמבולאַטאָריעס וכדומה און בכלל באַזאָרגן די באַפעלקערונג מיט מעדיצינישער הילף. די אַפּטייק האָט ערפאָלגרייך געקעמפט מיטן גוואַלטיקן יקרות אויף מעדיקאַמענטן, וואָס האָט דעמאָלט געהערשט אין די פּריוואַטע אַפּטייקן און אונטערנעמונגען און זי האָט אויך געהאַט אַ געוויסע מאָראַליש־עטישע און אָרגאַניזאַציאָנעל־פּראַקטישע באַדייטונג פאַר דער באַפעלקערונג. די אַפּטייק האָט אויך געדינט אַלס פּראָפּאַגאַנדע פאַר די גרינדונג פון קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטן פאַר אַפּטייקן. דערביי האָט זי געהאַט אויסצושטיין אַ שאַרפן קאַמף פון די פאַראינטערעסירטע פּריוואַטע פּערזאָנען און פאַרשיידענע מאַסגעבנדע פאַקטאָרן, וואָס האָבן געקוקט קרום אויף דעם דאָזיקן געמיינזאַמען אויפטו, ביז וואַנען זי האָט ביי די שפּעטערדיקע געענדערטע באַדינגונגען מער קיין קאָנצעסיע ניט באַקומען און האָט אויפגעהערט צו עקסיסטירן. אויף דער באַראַטונג פון די קאָאָפּעראַטיוון פון „יעקאָפּאָ״ דעם 1 אַפּריל 1921 האָט ד״ר י. ראַפּעס אָפּגעגעבן אַ באַריכט וועגן דער אַפּטייק און ס׳איז אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס, אַז „יעקאָפּאָ״ זאָל אַרויסגעבן אַ ספּעציעלע בראָשור וועגן



דעם ענין פון קאָאָפּעראַטיווע אַפּטייקן אויף דער פּראָווינץ. די בראָשור איז אַרויסגעגעבן געוואָרן (צונויפגעשטעלט פון מ. באַלבערישסקי, וועלכער איז געווען דער פאַרוואַלטער פון אַפּטייק).

„יעקאָפּאָ״ האָט אויך גענומען אַן אָנטייל אין דער גרינדונג און פירונג פון דער שוועסטער־שול אין ווילנע, וועלכע איז צוערשט פּראָיעקטירט געוואָרן פון „יעקאָפּאָ״ (אויף איר זיצונג פון עקזעקוטיווע דעם 19 מאַי 1920 מיט דער באַטייליקונג פון ד״ר ג. א. קאָוואַרסקי, ד״ר א. מאַקאָווער און ד״ר פּערעלמאַן) אַלס צוויי־יאָריקע פעלדשער־שול פאַר די באַדערפענישן פון דער פּראָווינץ צוליבן גרויסן מאַנגל פון מעדיצינישע קרעפטן דאָרט און מיט אַן איין־יאָריקן קורס פאַר שוועסטער און סאַניטאַרן (דערביי איז די אָרגאַניזאַציע פון דער שול איבערגעגעבן געוואָרן ד״ר ג. א. קאָוואַרסקי) און איז שפּעטער, אין יאָר 1922, געעפנט געוואָרן פון דער מעדיציניש־סאַניטאַרער צענטראַלע ביי „אָזע״ אַלס שול פאַר היגיעניסטינס, אָרגאַניזירט און אָנגעפירט פון ד״ר ג. א. קאָוואַרסקי. אין פאַרוואַלטונג פון דער שול האָט מצד „יעקאָפּאָ״ זיך באַטייליקט א. לאַנגבאָרט. די שול האָט עקסיסטירט צוויי יאָר און האָט אַרויסגעלאָזן 34 קוואַליפיצירטע מיטאַרבעטערינס אויפן מעדיציניש־סאַניטאַרן און היגיענישן געביט.

ווייטער איז „יעקאָפּאָ״ אין פאַרשיידענע צייטן אין משך פון יאָרן געשטאַנען אין אַ פאַרבינדונג צוליב הילף־צוועקן פאַר די נויטבאַדערפטיקע פּראָווינציעלע חולאים מיט די ווילנער געזעלשאַפטן און שפּיטאָלן „משמרת חולים״, קינדער־ און פרויען־שפּיטאָל אויף זווערינעץ, יידישער שפּיטאָל און אויך מושב זקנים. דער שפּיטאָל פון „משמרת חולים״ האָט אַפילו אין דער ערשטער צייט פון זיין איבערבויאונג אין יאָר 1920 און ווייטער געטראָגן דעם געמיינזאַמען נאָמען פון „משמרת חולים״ און „יעקאָפּאָ״. דער קאָמיטעט „יעקאָפּאָ״ האָט דאַן רעזערווירט אין אים פאַר דער פּראָווינץ אַ העלפט בעטלעך און האָט אים זייער שטאַרק אויסגעהאָלפן אין רעמאָנט. אין די שפּעטערדיקע יאָרן 1921—1929 האָט „יעקאָפּאָ״ כמעט שטענדיק געהאַט פּאַציענטן אין די שפּיטאָלן פון „משמרת חולים״ און אויף זווערינעץ (וועלכער ווערט אָנגעפירט פון ד״ר ג. א. קאָוואַרסקי), ווי אויך אין שטאָטישן יידישן שפּיטאָל, פאַר וועלכע דער קאָמיטעט פלעגט אַריינטראָגן אַ פעסט־געשטעלטן אָפּצאָל. דאָסזעלבע איז געווען מיט דער אַמבולאַטאָריע פון „אָזע״



און מיט דער אַפּטייק פון „משמרת חולים״. די אַלע געזעלשאַפטן איז ניט איינמאָל אויסגעליען געוואָרן פון „יעקאָפּאָ״ גרעסערע סומעס געלט, אויך דעם מושב זקנים איז געליען געוואָרן געלט (אין יאָר 1920) און שפּעטער זיינען דאָרט איינגעאָרדנט געוואָרן אייניקע זקנים און זקנות.

### 5. אינדיווידועלע הילף.

דער דאָזיקער מין הילף איז אין די ערשטע יאָרן נאָך דער מלחמה געווען אומגעהויער וויכטיק און האָט צו פאַרצייכענען די אויפריכטונג פון הונדערטער און טויזנטער איינצלנע פאַמיליעס און יחידים. די הילף איז געגעבן געוואָרן פון „יעקאָפּאָ״ אין משך פון די גאַנצע 12 יאָר 1919—1930, די ערשטע צייטן מער און סיסטעמאַטישער, דערנאָך ווייניקער און נאָר ביי אויסערגעוויינלעכע פאַלן און האָט געטראָגן אַ ריין־קאָנסטרוקטיוון כאַראַקטער פון געבן די פּעטענטן די מעגלעכקייט זיך ווירטשאַפטלעך אויפצובויען, ווען ס׳האָט זיך געהאַנדלט וועגן האַנטווערקער, סוחרים און הענדלער אָדער איבערצולעבן די שווערע צייט, ווען די זאַך איז געווען נוגע דער אינטעליגענץ, ווי לערער, ליטעראַטן, אַרטיסטן, דאָקטוירים, טעכניקער, געזעלשאַפטלעכע טוער, קוואַליפיצירטע אָנגעשטעלטע און אַרבעטער וכדומה.

גאָר אַ גרויסן פאַרנעם האָט די הילף אָנגענומען אין די יאָרן 1921—1923, ווען „יעקאָפּאָ״ האָט באַקומען פון דער לאָנדאָנער אוקראַינע פעדעראַציע 2.500 פונט (דאַן 22.900.000 מאַרק), וואָס האָט צוזאַמען מיט נאָך אַ סומע (13.063.835 מאַרק), וועלכע די פּעטענטן האָבן אויסגעצאָלט צוריק, געבילדעט אַ פאָנד, וועלכער האָט חוץ געוויסע אַקציעס פון תמיכה, קולטורעלע הילף, יורידישע הילף און אויפבויאונג געגעבן די מעגלעכקייט אויפצוריכטן און צו שטעלן אויף די פיס 449 פאַמיליעס, וואָס זיינען באַשטאַנען פון 1548 פּערזאָן. פון די 449 פאַמיליעס זיינען געווען: בעלי־מלאכות און אַרבעטער—143, הענדלער און אָנגעשטעלטע—200 און פרייע פּראָפעסיעס—106. צוליב דער דעוואַלוואַציע פון דער וואַלוטע האָט דער פאָנד, ווי אויך דער פאָנד פון די בערך 2.000 דאָלאַר, וואָס ס׳האָט איינגעבראַכט די אייגענע זאַמלונג פון „יעקאָפּאָ״ פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג, און די שפּעטערדיקע אויסגעגעבענע אויף ענלעכע צוועקן גרעסערע געלטער פון ד. ד. ק., יק״אַ און אַנדערע, ניט געקענט בילדן קיין שטענדיקן אומזאַץ־קאַפּיטאַל. דעמ־

זעלבן גורל האט אויך געהאט אין יענע צייטן דער גרעסטער טייל געלטער פון די בענק, קאאפעראטיווע קרעדיט-אינסטיטוציעס, גמילות-חסדים-קאסעס א. א. (ז. אויבן זייטן 71—73, 74—76 און 305).

**6. פארשיידענע הילפס-ארבעטן און סובסידיעס, פילאנטראפיע און אויפבויאונג.** פון די פארשיידענע אנדערע מינים הילף דארף מען נאך דערמאנען די אזויגערופענע „צרכי צבור" (מרחץ, בית-מדרש, רב א. אז. וו.), וואס איז איינגעשטעלט געווארן אויף דער ערשטער קאנפערענץ פון „יעקאפא" צווישן אנדערע טיילן פון בודזשעט און איז געגעבן געווארן אין משך פון די יארן 1919—1921, ווען די שטעטלעך פלעגן באקומען רעגולער מאנאטלעכע סובווענצן צושטייער אויף אלע זייערע הצטרכותן. ווייטער דארף מען אנרופן א ריי פארשיידענע אקציעס, וואס „יעקאפא" איז אויסגעקומען צו פירן אין משך פון איר ארבעט — פילאנטראפישע, ווי הילף אויף פסח, ברויט פאר ארעסטירטע, הילף מיט פראדוקטן, מאטעריאלן, קליידער, וועש און שיך (פון די איינענע גרויסע לאגערן און באקומענע פון ד. ד. ק., ק. פ. ד. און רויטן קרייץ), מיטאגן אין קיכן (דערביי איז „יעקאפא" געשטאנען אין א נעענטערער פארבינדונג מיט דער ארבעטער-קיך ביים פראפעסיאנעלן פאראיין פון די האנדלס-אנגעשטעלטע אין ווילנע), באזארגונג מיט האלץ און פיל אנדערע, אדער פילאנטראפיש-קאנסטרוקטיווע, ווי מכשירים פאר האנטווערקער, לער-ביכער און לער-מכשירים פאר שולן און שילער, סובסידיעס פארשיידענע געזעלשאפטן און אינסטיטוציעס (האנטווערקער-פאראיינען, פראפעסיאנעלע פאראיינען, בילדונגס-געזעלשאפטן, הלואות פאר „ארט", „אזע", „הילף דורך ארבעט", שול-ארגאניזאציעס, קהילה און א ריי אנדערע); הילף פאר ארבעטסלאזע מיט געלט, ארבעט און באשטעלונגען; גרעסערע הילף- און אויפבוי-אקציעס ביי שרפות אין די שטעטלעך א. אז. וו.; יורידישע הילף אויך נאך די יארן 1919—1924 (ז. אויבן זייטן 25—41); א זייער גרויסע אינקאסא-אקציע אין יאר 1920 פון ארויסגעבן דער נויטבאדערפטיקער באפעלקערונג אוואנסן אויף טשעקן (אדער אויסצאלן די גאנצע סומע פון די טשעקן) פון פריוואטע בענק, וואס פלעגן געשיקט ווערן פון אמעריקע צו די קרובים אין ווילנע און געגנט, וועלכע פלעגן אבער ניט האבן קיין מעגלעכקייט זיי צו רעאליזירן צוליב דעם, וואס ווילנע איז דאן געווען אזוי גוט ווי אפגעשניטן פון דער וועלט און די אנגערופענע אקציע פון „יעקאפא" האט די דאזיקע טויזנטער פעטענטן ממש געראטעוועט פון נויט און דחקות; די אקציע פון פארבינדן קרובים; פון רעגולירן די טעטיקייט פון פיל אזויגערופענע דעלעגאטן פון אמעריקע, וועלכע פלעגן ברענגען גרעסערע סומעס פון די לאנדסמאנשאפטן אין די שטעטלעך, אז זיי זאלן ניט טיילן דאס געלט אלס איינפאכע תמיכה פאר אלעמען פער קאפ אדער גאר אין א דעוואלווירטער וואלוטע (ווי ס'האט ניט איינמאל געטראפן), נאר זאלן איינטיילן די געלטער פראדוקטיוו און לויט א פלאן, וואס זאל עפעס אויפטאן ממשותדיקס פאר דער שטעטל און דער באפעלקערונג א. אז. וו. א. אז. וו.

**7. באשפייזונג פון שול-קינדער, הילפס-אקציע פאר אפגעברענטע שטעטלעך אין יאר 1929.** אין מעמאראנדום, וואס „יעקאפא" האט דערלאנגט דעם „דזשוינט" דעם 6 מערץ 1926 (ז. אויבן זייטן 305—306) אין צוזאמענהאנג מיט דעם גוואלטיקן עקאנאמישן קריזיס אין ווילנער געגנט, איז אויך אנגעוויזן געווארן אויף דער נויטיקייט פון קינדער-באשפייזונג, אלס רעזולטאט איז פון אווגוסט 1926 אנגעהויבן געווארן דורך „יעקאפא" אן אקציע פון באשפייזן די שול-קינדער אין די מער נויטבאדערפטיקע פונקטן. אין יאר 1926 זיינען באשפייזט געווארן 1016 קינדער אין 29 שולן פון אלע אן אויסנאם ריכטונגען אין 20 שטעט און שטעטלעך און די אקציע האט באטראפן 16.461 זל., אין יאר 1927 (יאנואר—יוני) — 11.111 זלאטעס. אין יאר 1928 האט די לאגע געשיינט צו ווערן בעסער און די באשפייזונג איז ניט געפירט געווארן.

אין יאר 1929 האט זיך אבער די לאגע אין פיר פאוויאטן פון ווילנער געגנט (דיסנער, בראסלאווער, סווענציאנער און פאסטאווער) שטארק פארערגערט צוליב דער גרויסער אומגערעטעניש, וואס האט זיך נאך געצויגן פון די פאריקע צוויי יאר כסדר און וואס האט אינגאנצן אויסגעהונגערט דעם געגנט און דערשלאגן דעם יידישן בעל-מלאכה און קרעמער אין די שטעטלעך (ז. אויבן זייטן 451—453). ס'איז ווידער געווארן דרינגענד נויטיק א באשפייזונגס-אקציע, וועלכע איז דורכגעפירט געווארן פון „יעקאפא" אויף די געלטער פון ד. ד. ק. (און קליינע ארטיקע מיטלען, ווי אויך שטיצע פון אייניקע מאגיסטראטן) פאר 2.709 שול-קינדער אין 24 שטעט און שטעטלעך (אויך אין די לערער-סעמינארן א. א. אין ווילנע) אויף א סומע פון 73.516 זלאטעס. דיסנע, וועלכע איז די אמשארפסטן געליטענע, האט אויך אין יאר 1930 באקומען א געוויסע איינמאליקע סומע אויף באשפייזונג.

אין זעלבן יאר 1929 האט געטראפן דעם ווילנער געגנט א צווייטער אומגליק: ס'האבן אינגאנצן אפגעברענט (צוזאמען מיט אלע געזעלשאפטלעכע אינסטיטוציעס און אנשטאלטן) די שטעטלעך איוויע (איינע פון די גרעסטע און לעבעדיקסטע שטעטלעך אין ווילנער געגנט, אפגעברענט 350 וואוינונגס-הייזער, 350 אנדערע געביידעס, 2.500 פערזאן) און קארעליטש (חרוב-געווארענע פון דער מלחמה און צוריק-אויפגעבויטע, אפגעברענט 105 וואוינונגס-הייזער, 56 אנדערע בנינים, 650 פערזאן *) און טיילווייז אלשאן (27 הייזער, 175 פערזאן). פאר איוויע איז גלייך ארגאניזירט געווארן א גרעסערע הילף. ס'איז געשיקט געווארן ברויט, 400 קינדער זיינען אין דער ערשטער צייט געשפייזט געווארן, ס'איז ארויסגעגעבן געווארן א נייער קרעדיט דער גמילות-חסדים-קאסע אויף הלואות און דעם האנטווערקער-פאראיין אויף מכשירים, ס'זיינען איינגעארדנט געווארן די קיילעכדיקע יתומים א. אז. וו. פאר קארעליטש און אלשאן זיינען אסיגנירט געווארן גרעסערע סומעס אויף גרינדן דארט גמילות-חסדים-קאסעס. דער קארעליטשער ביבליאטעק איז געשיקט געווארן א סובווענץ מיט ביכער. אין די הילפס-אקציעס האט זיך דער ד. ד. ק. באטייליקט דורך דעם קאמיטעט „יעקאפא", וועלכער האט אויסגעפארשט די לאגע, צוגעשטעלט די נויטיקע מאטעריאלן, ארגאניזירט די הילף און באזוכט דורך זיינע פארטרעטער און באפולמעכטיקטע די אפגעברענטע שטעטלעך. די סובווענצן האבן באטראפן איבער 2.000 דאלאר. די פראווינציעלע קאאפ. בענק מיט דער ווילנער צענטראלע און די „פונדיישן" האבן באזונדערס אויסגעהאלפן דער איוויער פאלקסבאנק. איוויע אליין האט ארגאניזירט א זייער טעטיקן ארטיקן הילפס-קאמיטעט (בראש מיט הרב שאצקעס), וועלכער האט באקומען צוגעשיקט אויף זיינע אויפרופן ביי 5.000 דאלאר (חוץ פראדוקטן, וועש, קליידונג א. אז. וו.). דער קארעליטשער קאמיטעט (בראש מיט ה' גרשון עליאשבערג) האט צונויפגעזאמלט ביי 600 דאלאר (נאך איוויע זיינען שוין די זאמלונגען צוגעגאנגען זייער שווער) און אויך דער אלשאנער קאמיטעט (בראש מיט הרב חדש) האט פיל אויפגעטאן פאר דער ווידער-אויפבויאונג פון דער שטעטל. טיילווייז האט אויך געגעבן שטיצע די מאכט, ס'האבן זיך אפגערופן די לאנדסמאנשאפטן, ס'זיינען אפגענומען געווארן אסעקוראציע-סומעס און מיט גרויס מי און מאטערניש בויען זיך די שטעטלעך אפ צוריק.

---

*) אויך אפגעברענט דאס פאלקסהויז מיט דער פאלקסשול אין קארעליטש (ז. אויבן זייטן 197—199). מיטן אפבויען פון שטעטל ווערט אויך פאראויסגעזען דאס צוריקאויפבויען דעם בנין פון דער פאלקסשול.

# אונזערע שטעט און שטעטלעך

עטנאָגראַפֿישע, סטאַטיסטישע און עקאָנאָמישע פאָרשונגען

## אַ ליטווישע שטעטל

(אין ציפער און לעבן).

דאָס שטעטל איז אונזער דאָרף, דער לעבנס־יסוד פון אונזער באַפעלקערונג. דאָס שטעטל האָט אפשר פאַרלאָרן זיין עקאָנאָמישן באָדן, אָבער עס איז נאָך אַ גרויסע שטיק פון אונזער לעבנס־שטייגער, אַ שטיק פון אונזער עבר און געגנוואַרט. אָבער ביז איצט האָט נאָך כמעט קיינער ניט געפּרובט באַלויכטן און אויספאָרשן דאָס שטעטל, ווי, אַ שטייגער, עס איז געטאָן געוואָרן מיט דעם דאָרף אין רוסלאַנד, וועלכער איז אַלזייטיק אויסגעפאָרשט געוואָרן.

איך וויל מאַכן אַן אָנהייב, וואָס זאָל שטויסן אַנדערע צו אַזעלכע אַרבעטן.

— זייענדיק זומער אין אַ ליטווישן שטעטל — איז מיר געקומען דער געדאַנק אויסצונוצן די געלעגנהייט און צונויפצוזאַמלען מאַטעריאַל. איך האָב אויסגעאַרבעט אַן אַנקעטע און מיט דער הילף פון אַן אָרטיקן יונגן סטודענט האָב איך דעם מאַטעריאַל צונויפגעקליבן.

### I.

דאָס שטעטל וו.־ד. געפינט זיך ניט ווייט פון דער ליטוויש־פּוילישער גרענעץ, אין אַ זעלטן שיינער און מאַלערישער געגנט.

צו דער נאָענטסטער אייזנבאַן־סטאַנציע איז 35 קילאָמעטער.

אין די לעצטע 20—30 יאָר זיינען אויסגעהאַקט געוואָרן טויזנטער העקטאַר וואַלד.

די געשיכטע פון שטעטל איז איינגעהילט אין פינסטערניש. יעדנפאַלס געפינט זיך דאָ אַן אַלטער בית־עולם. אויף איין מצבה האָב איך געזען דעם יאָר תק"ב. פון די אַרומיקע שטעטלעך ברענגט מען קיין וו.־ד. מקבר זיין מתים. אַלטע לייט זאָגן, אַז דער וו.־ד. בית־עולם איז אַזוי אַלט, ווי דער ווילנער. ביי איין ברעג פון בית־עולם זעט מען נאָך איצט שפּורן פון לאַנגע 3 קברים. ס'גייט אום אַ לעגענדע, אַז דאָ ליגן ריזן. אָבער קיינער האָט ניט געקאָנט זאָגן וועגן דעם מער, ווי די עטלעכע ווערטער.

פאַרקערט, וועגן דער געשיכטע פון איינער פון די אַרומיקע שטעטלעך סום. האָט מיר אַן אַלטער מאַן דערציילט, אַז „עס איז נאָך אַ יונגע שטעטל". ער האָט געהערט פון זיין פאָטער „וועגן ישיע ס—ער". דער לעצטער האָט געענטפערט אויף דער פראַגע, ווי גייט עס אים אין סום. (ער האָט געהאַלטן דאָרט אַ מיל און אַ שיינק): „גאַנץ גוט, אָבער ס'איז ניטאָ קיין מנין". אין אַ געוויסער צייט אַרום האָט ער שוין געענטפערט אויף דיזעלבע פראַגע: „שלעכט! ס'איז שוין דאָ איבער 2 מנינים" (די מורא פאַר קאָנקורענץ).

אין וו.־ד. איז אויך פאַראַן אַ „שלאָס־באַרג" ביים טייך. אויבן איז דאָ אַן איינגעטיפטע פּלאַטע, אויף וועלכער ס'איז געשטאַנען, ווי מען דערציילט, אַ פּאַלאַץ, וועלכער איז „איינגעזונקען געוואָרן". פּרטים זיינען דאָ אויך ניטאָ.

דאָס שטעטל האָט געהערט אַמאָל צו אַ פּריץ. אַ ייד האָט געהאַלטן די „פּראָפּינאַציע" (דאָס אויסשליסלעכע רעכט צו טרייבן און פאַרקויפן בראַנפן). ר' הירשל וו.־ד.—רער איז געווען אַ ייד אַ תקיף, פאַר וועלכן דאָס גאַנצע שטעטל האָט געציטערט. די „פּראָפּינאַציע" האָט זיך שפּעטער איינגעהאַלטן אין שטעטל ביזן איינפירן דעם מלוכה־מאָנאָפּאָל אין וויטעס צייטן. ס'איז געווען נאָר איין „קרעטשמע", בעת אין אַנדערע שטעטלעך זיינען געווען 7—8 קרעטשמעס. דער קרעטשמער איז געווען אַט דעם הירשל וו.־ד.—רערס אַן אייניקל ר' לייזער *). און אויך ער איז געווען דער „באַלעבאָס" פון שטעטל. גוים האָבן צו אים געהאַט דעם גרעסטן צוטרוי און האָבן אים ליב געהאַט, הגם ניט איינער האָט פון דעם קרעטשמער געקראָגן פּעטש, פאַר טומלען שיכורערהייט. אין שול, אַז ר' לייזער פלעגט דערלאַנגען אַ קלאַפּ אין שטענדער, פלעגט ווערן שטיל. ער האָט געהייסן „זאָגן" די לענגסטע פּיוטים, און מען פלעגט מוזן זאָגן. איבערהיפּן האָט ער ניט געלאָזן. ניט איין „יונגאַטש" פלעגט כאַפּן פּעטש און עס אָננעמען פאַר רעכט. וועגן אַ פּראָטעסט האָט ניט געקאָנט זיין קיין רייד.

נאָר עס זיינען אָנגעקומען נייע צייטן. מיט אַ יאָר 25 צוריק האָט זיך די „יונגאַטשעס" פאַרוואָלט אַ רב. ביז דאַמאָלסט איז געווען נאָר אַ שוחט, וועלכער האָט געפּסקנט שאלות און די דעה האָט געהאַט ר' לייזער. דאָס גאַנצע שטעטל האָט זיך צעטיילט אויף 2 צדדים. איינער פאַר אַ רב, דער צווייטער — קעגן. מנצח געווען האָט, נאָך לאַנגע מחלוקות און געשלעגן, דער ערשטער צד און אַ רב איז געקומען. מען האָט אָבער פאַר אים קיין גרויסן דרך־ארץ ניט געהאַט און אים גערופן „רבל" (ער איז נאָך אַ יונגערמאַן געווען). אָבער די תקיפות פון קרעטשמער איז שוין אַראָפּ. אמת, דער רב האָט ניט געהאַט פון וואָס צו לעבן. אויסער דעם אָפּצאָל פאַר הייון, האָט ער קיין שכירות ניט באַקומען און הכנסות ניט געהאַט. ער האָט אויך געעפנט, ווי אַלע קליינשטעטלשע איידעמס, אַ קרעמל און דורך דעם אַרויסגערופן קעגן זיך אַ פאַרביטערונג מצד די קרעמער. דאָך עד־היום איז דער רב אַ קרעמער. און שטעטל האָט זיך שוין מיט דעם איינגעלעבט.

אין די לעצטע 25 יאָר האָט דאָס שטעטל 2 מאָל אָפּגעברענט. דעם לעצטן מאָל מיט 20 יאָר צוריק. אָבער ביידע מאָל זיך אָפּגעבויט. ס'זיינען אפילו אַנטשטאַנען אין מיטן מאַרק 2 „מויערן", אָבער ביידע זיינען געבליבן ניט פאַרענדיקט. אין דער צייט פון די רוסיש־דייטשע שלאַכטן — זיינען אַלע יידן אַנטלאָפן. געבליבן זיינען נאָר 2—3, צווישן זיי לייזער דער קרעטשמער. די קאָזאַקן האָבן זיי געוואָלט שיסן, נאָר ס'זיינען אָנגעלאָפן די דייטשן און זיי זיינען ניצול געוואָרן. אַלע יידן, וועלכע זיינען אַנטלאָפן קיין ווילנע (דאָס שטעטל איז 60 קילאָמעטער פון ווילנע), האָבן זיך צוריקגעקערט אין עטלעכע וואָכן אַרום. איינער נאָר איז פאַרבליבן אין רוסלאַנד.

### II.

אין אַלגעמיין האָט זיך די צאָל פאַמיליעס אין וו.־ד. ניט געענדערט, זי איז געבליבן דיזעלבע, ווי פאַר דער מלחמה. מיט דעם איז ניט געזאָגט, אַז דאָס זיינען איינע און דיזעלבע פאַמיליעס. אין אייניקע זיינען אָפּגעשטאָרבן די ראשי־המשפּחה, אָבער אויף זייער אָרט זיינען צוגעקומען נייגעשאַפענע פאַמיליעס. אייניקע זיינען אַריבערגעפאָרן אין אַנדערע שטעטלעך.

דאָס שטעטל ציילט 65 יידישע פאַמיליעס און בערך אַזויפיל קריסטלעכע. בסך־הכל 272 נפשות, מיט קריסטן 559 נפשות. צווישן די יידן זיינען מענער—139 (52 פּראָצ.), פרויען—133 (48 פּראָצ.). דערוואַקסענע פון 20 יאָר—81 מענער, 87 פרויען, ס"ה 168 (52 פּראָצ.). צווישן זיי 6 עלטערע פון 70 יאָר (2,2 פּראָצ.), 1—אַ 90־יאָריקער. די צאָל קינדער— ביז 6 יאָר—42 (15 פּראָצ.), פון 6 ביז 10 יאָר—14, פון 10 ביז 14 — 12, פון 15 ביז 20 — 36 (יוגנטלעכע, 13 פּראָצ.).

פון די ציפער קאָנען מיר מאַכן פאָלגנדיקן אויספיר. די גרויסע צאָל קינדער אין אַ פאַמיליע פון אַמאָליקע צייטן איז שוין אין עבר. דורכשניטלעך האָבן מיר אויף אַ פאַמיליע $4^{1}/_{5}$ נפשות, אַראָפּרעכענענדיק דעם פאָטער און די מוטער, באַקומען מיר $2^{1}/_{5}$ קינד אויף אַ פאַמיליע. די עקאָנאָמישע לאַגע האָט שוין אין דעם פּרט אויך אַרויסגעלייגט איר האַנט אויפן שטעטל. האָבן אַ פולע קינדער איז געוואָרן אוממעגלעך. אמת, מיר זעען, אַז ביז 6 יאָר איז דאָ 42 קינדער און פון 6 ביז 14 יאָר — נאָר 26 קינדער. אָבער מען דאַרף נעמען אין באַטראַכט, אַז דער לעצטער עלטער פאַלט אויס אויף די מלחמה־יאָרן, ווען געבורטן זיינען געווען אַ סך ווייניקער, און די פאַרהעלטנישמעסיק־גרויסע צאָל קינדער ביז 6 יאָר לאָזט דעריבער ניט מאַכן דעם אויספיר, אַז נאָך דער מלחמה האָבן זיך אומגעקערט די „אַלטע גוטע צייטן", ווען אין די שטעטלעך פלעגט מען מיט אַ 20—30 יאָר צוריק טרעפן פאַמיליעס מיט 10—12 קינדער און דער דורכשניט איז געווען ניט ווייניקער ווי 4—5 קינדער אויף 1 פאַמיליע.

לויט דער באַשעפטיקונג טיילט זיך די באַפעלקערונג אויף פאָלגנדיקן אופן: 17 קרעמער; 17 בעלי־מלאכות (5 שניידער, 3 שמידן, 2 שוסטער, 1 שטעפער, 2 טאָקערס (די לעצטע 2 זיינען ברידער און פאַרנעמען זיך גלייכצייטיק אויך מיט בלעכערײַ, פריזירערײַ, מאַלערײַ, שירעם־מאַכערײַ וכדומה), 1 קירזשנער, 1 גלעזערקע, 1 סטעלמאַכער, 1 פישער; 4 הויז־אינדוסטריע (2 טשאַכראַלנעס, וואָס קאַמען וואָל, 1 קאַלכנברענער, 1 קוואַסניק); 1 פירמאַן; ביי 4 איז פורמאַנערײַ אַ צוגאָב־פּראָפעסיע (צו אַ קראָם, צו אַ קוואַס־אויסאַרבעטונג און צום האַנדל־סתם), 4 קצבים (אין איין פאַמיליע); 3 קאַראָבײניקעס (פאָרן איבער די דערפער און פאַרקויפן זייף, נאָדלען, שוועבעלעך אאַז"וו און קויפן שמאַטעס (קאָרער); 4 לופט־מענטשן; 2 סאָדן־פּאַכטער; 3 כלי־קודש (רב, שוחט־חזן און שמש־מלמד); 2 לערנער, 1 בעדער, 1 פעלדשער. אויסער דעם זיינען נאָך דאָ אין שטעטל 7 שניידערקעס (אין דעם 4 פאַרהייראַטע), 1 זאָקנמאַכערקע, 1 פאַרבערקע.

אַנאַליזירנדיק דעם פּראָפעסיאָנעלן צוזאַמענשטעל פון דער באַפעלקערונג—זעען מיר קודם־כל, אַז דער פּראָדוקטיווער עלעמענט איז אין שטעטל ניט אַזוי קליין, ווי מען שטעלט זיך אָפּט פאָר. עס מאַכט אויס, אַריינרעכענענדיק אויך פורמאַנעס, קצבים, שניידערקעס קרוב 25 פּראָצ. פון דער

*) די נעמען זיינען געענדערט.

דערוואַקסענער באַפעלקערונג. איבעררעכענענדיק אויף נפשות, וועלכע זיי האַלטן אויס איז עס פיל מער. צום באַדויערן זיינען כמעט ביי די אַלע בעלי־מלאכות קיין לערן־יינגלעך ניטאָ. איין יוגנטלעכער לערנט זיך שלאָסעריי (ביי אַ קריסט), 1 ביי אַ שמיד, 3 ביי שניידער. פאַר שניידערקעס לערנען זיך 5 מיידלעך.

פון דעם איז צו זען, אַז די יידישע מלאכה לאָזט כמעט ניט איבער קיין נאָכפאָלגער.

מערקווירדיק איז דער פאַקט, אַז אין פאַרלויף פון 2—3 יאָר האָט זיך די צאָל קרעמער פאַרקלענערט פון 30 אויף 17, ד. ה. אויף 40 פראָצ. די אומגעהויערע שטייערן, די קאָנקורענץ און בכלל דער באַגרענעצטער געברויך מצד דער באַפעלקערונג (אָפט פלעגט דער קרעמער אַליין זיין דער איינציקער געברויכער) האָבן געפירט צום פאַרמאַכן די צו גרויסע צאָל קראָמען. די קראָמען זיינען „אוניווערסאַלע". אָבער מען קאָן זיך פאָרשטעלן ווי גרויס קאָן זיין דער אַסאָרטימענט פון יעדער סחורה, ווען אין קראָם געפינט זיך אינגאַנצן סחורה אויף אַ סומע פון 10—20 ביז 500 דאָלאַר, מאַנופאַקטור, גאַלאַנטעריי, קאָלאָניאַל און אַפטייקערישע סחורה. צוליב דער דיפערענץ אין ביליגקייט אויף בוכשטעבלעך עטלעכע גראָשן פאָרט אַוועק דער פויער אין אַן אַנדער שטעטל, וואו ס'זיינען דאָ אַזויגערופענע „איינגעצייגענע" מערק, ד. ה. אַזעלכע, וואָס האָבן שוין עקזיסטירט פאַר דער מלחמה. איצט זיינען דאָ אין יעדן שטעטל מערק־טעג. אויסער דעם מאַרק־טאָג, איז אַבסאָלוט אין קראָם קיין לייזונג ניטאָ. אָבער אויך אויפן מאַרק קומען סוחרימלעך פון אַנדערע ערטער און אויף אַזאַ אופן שאַפן זיי קאָנקורענץ די אָרטיקע קרעמער. ס'איז אוממעגלעך פעסטצושטעלן דעם דורכשניטלעכן ריוח פון אַ קרעמער. אויב מען זאָל נעמען זיין ברוטאָ־לייזונג — וואָס באַטרעפט אין די קליינע קרעמלעך (אַזעלכע זיינען אין מערהייט) 3—6 דאָלאַר אַ וואָך — איז שווער זיך פאָרצושטעלן ווי אַזוי דער קרעמער לעבט דורך. אויף דעם די תשובה — שטיצע פון אַמעריקאַנער קרובים. אויסערדעם ביי 4 קרעמער איז פורמאַנעריי אַ צוגאָב־פּראָפעסיע. זיי פירן „פּאַסאַזשירן" פון באַן. פון איין שטעטל צום אַנדערן אָדער „צום באַן", אַנדערע פאַרנעמען זיך מיט „קצבות", זיי „קאַצעווען", ד. ה. קויפן ביי די פויערים שעפסן, קעלבער, קוילן זיי און „פאַרדינען פאַר זיך אַ ווייטל פלייש", ס'בלייבט זיי „אין ריוח" די פלייש, וואָס זיי עסן אויף אַליין אין פאַמיליע.

בכלל אָבער איז זייער שווער דורכצופירן אַ שטרענגע דיפערענצירונג פון די קליינשטעטלשע פרנסות, ווייל אָפט איז איין און דיזעלבע פּערזאָן אַ קרעמער, אַ בעל־מלאכה, אַ פורמאַן, אַ לופט־מענטש א. אַז. וו.

וואָס איז שייך די „לופט־מענטשן" — איז קלאָר איינס, אַז מיט לופט לעבן זיי ניט, אָבער זייערע פרנסות כאַפּן זיי ממש פון לופט. אמת, מען כאַפּט זיך אָן אָפט אָן אַן „איבערגעבראָכענעם שטרוי". מען כאַפּט אַמאָל אַ גראָשן פון אַ מאַרק־טאָג, מען קויפט אַ הון, אייער, חזיר־האָר, מען „קצבט אַמאָל אונטער". ווינטער קויפט מען זוימען, אין האַרבסט אייפּל (פּרוכט), אין פרי־יאָר זומער־תבואה, קאָרן (דאַמאָלסט פעלט אויס אָפט ביי פויערים תבואה — דאַרפן זיי עס צוקויפן). אַמאָל אַ מעקלעריי פון אַן „עסק", שדכנות („איינמאָל אָדער קיינמאָל אין אַ יובל") און נאָך אַזעלכע „זיכערע פרנסות".

אַמאָל איז אַרום שטעטל געווען „אויסצוטאָן וועלדער", „דיליאַנקעס" (באַשטימטע וואַלד־טיילן), און אין שטעטל זיינען געווען אַ 4—5 „וואַלד־סוחרים". אין דער אמתן זיינען דאָס געווען אמתע לופט־מענטשן. מערסטנטיילס „איידימס אויף קעסט". באַקומענדיק די פאַר הונדערט אָדער טויזנט רובל נדן, פלעגט מען עס „אַריינלייגן אין וואַלד". אָפט האָבן אָבער די ניט געניטע אין מסחר איידימס זייער גיך „געפּטרט דעם נדן" און מען איז געוואָרן לופט־מענטשן.

בכלל די גרויסע צאָל קראָמען שטאַמען אויך פון די איידימס. ווען עס איז ניטאָ וואָס צו טאָן, פלעגט מען עפענען אַ קראָם. איצט אָבער האָט זיך דער צוואויקס פון קראָמען אינגאַנצן אָפּגעשטעלט. דער „אַגולניק" (אַנגראָסיסט) גיט ניט קיין קרעדיט. דאָס האַלטן אַ קראָם איז איצט פאַרבונדן מיט צאָלן גרויסע שטייערן: „ס'לוינט ניט".

.III

ווען דער מלאכה אין קליינשטעטל איז קיין פיל גוטס ניטאָ וואָס צו זאָגן. דאָס איז „פאַרטאַטשעריי", דורכשניט. פאַרשטייט זיך, ניט אָן אויסנאַמען. אגב איז כמעט אין קיין שטעטל ניטאָ קיין ספּעציעלע אויסאַרבעטונגען, וואָס זאָלן באַשעפטיקן אַ באַדייטנדע טייל פון דער באַפעלקערונג.

איך ווייס נאָר פון איין ליטווישע שטעטל, דאָס איז יאַנעווע, וועלכע איז באַרימט מיט אירע יידישע סטאָלערס.

וואָס איז שייך דער קאַטעגאָריע כלי־קודש — וועלכע געפינען זיך אין יעדער יידישן ישוב, איז כדאַי צו באַמערקן, אַז אַ שוחט און אַ חזן זיינען שטענדיק פאַרגעשטעלט אין איין פּערזאָן. דאָסגלייכן שמש און דרדקי־מלמד. דער פאַרדינסט פון אַ מלמד־שמש איז אַ 6, 7 דאָלאַר אַ חודש. דער רב פון שטעטל האָט דעם אַמאָל פאַר הייזון, אויסערדעם, ווי געזאָגט, איז ער אַ קרעמער.

פון 65 פאַמיליעס האָבן קי 32 (50 פּראָצ.), 5 צו 1 ציג (8 פּראָצ.). אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע האָט כמעט יעדע פאַמיליע (55 פ'־80 פּראָצ.) זיך איינגעשאַפט אַ קו, ווייל מילך פּריוואַט איז געווען אוממעגלעך צו באַקומען און איין קו פאַר אַ פאַמיליע איז געווען דערלויבט צו האָבן. איצט אָבער, ווען מילך קאָן מען באַקומען אומעטום און ביליק, לוינט ניט צו האָבן קיין זאָרג, וואָס איז פאַרבונדן מיט אויסהאַלטן אַ קו. קודם־כל מוז מען אָנקומען צום שטעטלשן פּריץ, כדי צו האָבן די מעגלעכקייט צו פיטערן די קי אויפן פעלד, קומען־קומט אויס צו צאָלן פון 10 ביז 15 דאָלאַר „פּאַשע געלט" פאַר אַ זומער. מען דאַרף אייפשטיין גאַנץ פרי (3 אַזייגער), טרייבן די קי אין פעלד אַריין, בייטאָג דאַרף מען גיין אָפּט ווייט איר מעלקן און אין אָוונט גיין די בהמה „באַגעגענען". מיט איין וואָרט די קליינשטעטלשע באַלעבאָסטעס ווילן ניט האָבן די הכבדה אָדער, ווי מען זאָגט עס אין שטעטל, „טרודאַ". ציגן האַלטן אָרימע שטעטלשע איינוואוינער, וועלכע פּאַשען זיי אַליין, אָדער רייסן ערגעץ וואו גראָז פאַר זיי.

אין שטעטל זיינען דאָ 9 „יידישע פערד", וועלכע ווערן אויסגענוצט אויף פאַרשיידענע אופנים, הויפּטזעכלעך צו פורמאַנעריי. ס'ווערן אָבער אויך מיט די פערד אויסגעאַרבעט אייגענע גערטנער, אָדער זיי ווערן פאַרדונגען דורך זייערע באַלעבאַטים אויף פאַרשיידענע צוועקן, ווי „אונטערפאָרן" נאָך סחורה, פירן האָלץ פון וואַלד א. אַז. וו.

ערדאַרבעטער זיינען אין שטעטל ניטאָ. 1 אַרענדאַטאָר, וועלכער איז געזעסן 39 יאָר אויף ערד און איז גלייכצייטיק אַן אונטערנעמער פון פישפאַנגעריי, באַאַרבעט טיילווייז אַליין זיין פעלד. אין קאָרן־שניט שניידן מיידלעך אַליין אָפּ די תבואה, וועלכע זייערע עלטערן באַאַרבעטן מיט געדונגענע קריסטלעכע אַרבעטער (אין 2 פאַמיליעס). קלענערע לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעט ווערן יע געטאָן דורך יידן אויף גערטענער און אייגענע פעלדער: צוזאַמענפירן די תבואה, אָפּגראָבן אָדער אַרומגראָבן קאַרטאָפל, קרויט, בוריקעס.

די צאָל, וועלכע באַשעפטיקט זיך דערמיט, איז ניט פעסטגעשטעלט, נאָר דערגייט קיים ביז 10—15 פּערזאָן. 22 פאַמיליעס (34 פּראָצ.) האָבן ביי זייערע הייזער גערטענער אויף גרינוואַרג און קאַרטאָפל, אָבער די גערטענער ווערן באַאַרבעט דורך גויעס מיט קליינע אויסנאַמען (די גרויס פון די גערטענער איז פון 1/15 ביז 1 העקטאַר; 1 העקטאַר איז אַ געוויסע דעסיאַטינע). דערפאַר „זעצן" אַלע שטעטלשע איינוואוינער אייגענע קאַרטאָפל אויף די קריסטלעכע פעלדער, אויף וועלכע זיי גיבן „יידישע מיסט". די שטעטלשע פויערים באַקומען דערפאַר גוט באַצאָלט מיט געלט, אָדער סחורה. בעלי־מלאכות צאָלן מיט זייערע אויסאַרבעטונגען. די פעלדער ביי די פויערים פאַרבעסערן זיך שטאַרק פון די „יידישע מיסט" און עס איז גלייך אונטערצושיידן די פעטע שטעטלשע פעלדער פון די מאָגערע דאָרפישע.

מיט 20—30 יאָר צוריק האָבן אין ראַיאָן פון שטעטל (וואָלאָסט, גמינע) געוואוינט אויף ישובים*) (אין ענגן זין פון וואָרט) און אין דערפער ביז 37 יידן. זיי האָבן געהאַלטן קרעטשמעס, אַרענדירט ערד, געהאַלטן גערטענער (אָוגאָרקעס), אין גרעסטן טייל זיינען עס געווען דאָרפישע בעלי־מלאכות: שמידן, שוסטער און שניידער. איצט איז פון די 37 ישובניקעס געבליבן נאָר 5 (13 פּראָצ.), אין דעם 1 מילנער, 1 אַרענדאַטאָר, 1 ערדאַרבעטער, 1 וואָס לעבט אויף די שטיצע פון אַמעריקאַנער קינדער, 1 אַרענדאַטאָר און גלייכצייטיק אינהאָבער פון אַ ועג־מיל. די ישובניקעס פלעגן זיך אין די פריערדיקע צייטן אַפילו צוזאַמענקומען אין אַ צענטראַלן ישוב שבת דאַווענען מיט אַ מנין. זינט אָבער מען האָט פאַר די צאַרישע צייטן אַרויסגעזעצט יידן פון דערפער — האָט זיך די צאָל ישובניקעס אָנגעהויבן צו פאַרקלענערן. גאָר אַלט־געזעסענע האָט מען געלאָזן. איניקע זיינען געשטאָרבן. אַ פּולע האָבן עמיגרירט. אַנדערע זיינען אַריין אין שטעטל צוליב ערציען די קינדער, הגם עטלעכע ישובניקעס פלעגן ברענגען לערער פון ווילנע**). קיין נייע זיינען ניט צוגעקומען. אין די לעצטע יאָרן, זינט ס'האָט זיך אָנגעהויבן די אַזויגערופענע אַגראַר־רעפאָרם אין ליטע, פון וועלכע יידן ווערן לגמרי באַזייטיקט (די, וואָס האָבן אָפּגעוואוינט אויף ערד צו 40—50 יאָר, ווערן אומבארחמנותדיק אַרויסגעזעצט) האָט זיך די צאָל ישובניקעס שטאַרק פאַרקלענערט און איצט איז אַ ישובניק אַ נישטיקער איינצל־פאַל. בכל אופן קאָן מען זיין זיכער, אַז אין איניקע יאָר אַרום וועט שוין ניט בלייבן קיין איין יידישער ישובניק. דאָרטן וואו זיי זיינען נאָך איצט געבליבן איז עס צוליב דעם, וואָס די אַגראַר־רעפאָרם איז נאָך ניט אומעטום דורכגעפירט.

די ישובניקעס זיינען געווען אַן איינגעאַרטיקער געזונטער פאָלקסטימלעכער עלעמענט, אַ ביסל

*) אין ליטע רופט זיך „ישוב" אַן איינזאַמע הויז, ניט אין אַ דאָרף (זאַסציאַנעק, כוטאָר, יעדנאָסעל).

**) אויפן ווילנער שול־הויף איז געווען אַ מעקלער פון מלמדים, לערער האַלבע אַנאַלפאַבעטן. דעם דאָזיקן „אינסטיטוט" האָט מען גערופן אין שפּאַס „גבעת הערלות".

אַ פֿאַרגרעבטער, אָבער אַ קערנדיקער. דאָס שטעטל האָט האַלט געהאַט אָפּצולאַכן פֿון דעם פֿאַרגרעבטן ישובניק, קוקנדיק אויף אים פֿון אויבן אַראָפּ.

עס האָבן זיך אויסגעבילדעט אַ מאַסע קלייַנשטעטלשע אַנעקדאָטן וועגן ישובניקעס, אָבער, אויב מען דערציילט עס איצט וועגן ניט וועמען, איז עס שוין ניט מער ווי געשיכטע און פֿאָלקלאָר *).

די ישובניקעס זייַנען שוין לאַנג געוואָרן אָדער קלייַנשטעטלשע באַלעבאַטים, אָדער קלייַנשטעטלשע אָרימע לייַט, אויב זיי זייַנען ניט אויפֿן עולם-האמת.

### .IV

יעדער קלייַנשטעטלשער ייִד שטרעבט צו וואוינען אין אַן אייגענע הויז (אָדער ווי מען זאָגט אין שטעטל „כאַלופּע"). באַלעבאַטים, וואָס וואוינען אין אייגענע הייַזער זייַנען דאָ 37 (57 פּראָצ.), אָבער כמעט אַלע הייַזער זייַנען געבויט אויף פֿרעמדע פּלעצער, פֿאַר וועלכע מען צאָלט יערלעכע „פּלאַצאָווע" פֿון 10 ביז 20 רובל אַ יאָר (איבערגערעכנט אויף איצטיקע געלט). נאָר 3 הייַזער זייַנען געבויט אויף אייגענע פּלעצער. אין געווינגענע דירות וואוינען 23 (35 פּראָצ.), 5 וואוינען אין שכנות (7 פּראָצ.). אַלע הייַזער זייַנען

*) אָט זייַנען בייַשפּילן פֿון אייניקע ישובניקשע אַנעקדאָטן:

מען רופֿט אויף אַ ישובניקס אַ זון צו אַן עליה. ער מאַכט אַ ברכה... בורא מיני-מזונות. רופֿט זיך אָן זייַן טאַטע: ער איז אַלץ געוויינט צו די בולקע.

דעם זעלבן זון גיט מען אַן אַנדערש מאָל גלילה. ווען ער גייט אַרויף אויפֿן בימה פֿרעגט מען אים צי ער וועט עס קענען — ענטפֿערט ער: Го! я и не гетакіе колоды воротил (ניט אַזעלכע קלעצער האָב איך געקערט).

זיצט דער טאַטע מיטן זון פֿאַר נעילה. דער טאַטע כראָפּעט. ביי פּתיחת נעילה וועקט אים דער זון „טאַטע, טאַטע שטיי אויף, מ'עפֿנט שוין די טויערלעך". דער טאַטע כאַפּט זיך אויף אַ דערשראָקענער און שרייַט אויס: „אַ יוש, אַ יוש" (מיט דעם וואָרט טרייַבט מען צוויק חזירים. ביים עפֿענען אויפֿן ישוב אַ טויער, קריכן אַן די שכנישע חזירים).

אַ ישובניק עסט ערב יום-כּפּור פֿיש, קרעפּלעך, צימעס, אַ שטיקל הון און זאָגט מיט אַ קרעכץ: „ע! אַן אַ ביסל ווייערס (באָרשטש) בין איך גאָר קיין מענטש ניט".

ביים דערלאַנגען דעם הייסן צימעס, פֿון וועלכן עס גייט אַ „פּאַרע", פֿרעגט אַ ישובניק ביי דער וויַיב צו זי זעט אים (דורך די פּאַרע). זי ענטפֿערט, אַז ניין. „גיב זאָלסט זוכה זייַן איבער אַ יאָר מיך ניט צו זען".

אַ מאַמע אַ ישובניצע, וועלכע שטאַמט אַליין פֿון אַ שטעטל, שיקט דעם זון לערנען אין שטעטל און זאָגט אים אָן ווי זיך צו פֿירן: מען דאַרף ניט עסן אַלץ מיט אַ מאָל, שבת נאָכן דאַווענען זאָגט מען איינעם גוט שבת דעם אַנדערן ניט, אויף אַן עלטערן וואַרפֿט מען אַן אויג א. אַז. וו. — די ישובניצעס זון דערלאַנגט מען אָפּגעקאָכטע אַרבעס. אַ האַלבן אַרבעס בייַסט ער אָפּ און אַ האַלבן לאָזט ער אויף דרך-ארץ. שבת נאָכן דאַווענען שטעלט ער זיך ביים טיר און שרייַט צו די אַרייַנגייענדיקע „דייַרר (דיר) גוט-שבת, דייַרר ניט גוט-שבת". אין רב האָט ער געוואָרפֿן מיט אַ קאַלבערנע אויג א. אַז. וו.



הילצערנע מיטן אויסנאַם פֿון 2 „מויערן". די גרעסטע צאָל הייַזער באַשטייט פֿון 2 צימערן, איבערגעצאַמטע מיט האַלבע אָדער 4/3-דיקע ברעטער, בערך אַ 10 הייַזער באַשטייען פֿון אַ גרעסערער צאָל צימערן. קיין וואוינונג האָט ניט קיין שום באַקוועמלעכקייטן. די מעבל איז מערסטנטייל אַלט און אָפּגעלאָזן. אָנשטאָט שטולן — בענקלעך. אָפֿט איז אין דירה ניטאָ אַפֿילו קיין אַלמער. אין דער צייַט פֿון מלחמה זייַנען אַ סך זאַכן רויִנירט געוואָרן און קיין נייַע האָט מען ניט אייַנגעשאַפֿט. די דילן ווערן געוואַשן אין „באַלעבאַטישע" הייַזער ניט אָפֿטער ווי איינמאָל אַ וואָך, אין אָרימערע אָפּטמאָל 2 מאָל אַ יאָר. ספּייַקעסטלעך זייַנען אין גאַנץ שטעטל דאָ נאָר אין 3—4 הייַזער. דער קלייַנשטעטלשער אייַנוואוינער זאָרגט ווייניק פֿאַר ריינקייט און באַקוועמלעכקייט.

די ווענט ווערן געווייסט 1 מאָל אין אַ פֿאַר יאָר, אַמאָל זעלטענער אויך. עס טרעפֿט אָבער אויך, אַז אַלע ערב פּסח ווערט געווייסט. אַ גאַנצן טאָג קומט מען אָפּ מיט „אַבי-וואָס"; אַ שטיקל הערינג, קאַרטאָפֿל, אַ גלאָז מילך. מיטאָג קאָכט מען נאָר אין געציילטע הייַזער, און אַ באַשטימטע צייַט אויף מיטאָג איז כמעט אין ערגעץ ניטאָ („ווען עס מאַכט זיך"). די עלטערע עסן ניט מער ווי צוויי מאָל אַ טאָג. אָזייגער 10 אינדערפֿרי און 6 פֿאַרנאַכט. קיין פֿולע מאכלים מאַכט מען ניט: זופּ מיט אַ שטיקל פֿלייש, אָדער מילכיקע זופּ און פֿאַר דעם „עפּעס" מיט ברויט. „אָט אַן עסק—וואָס מען עסט, עסט מען, אַבי צו דערהאַלטן די נשמה" — הערט איר אומעטום. שבת, פֿאַרשטייט זיך, איז אַנדערש. פֿלייש, לאָקשן-זופּ און צימעס—פֿרייַטאָג-צונאַכט. שבת געהאַקטע הערינג, טשאָלנט מיט פֿלייש און קוגל. צוליב דער שוואַכער דערנערונג, ניט אַזוי פֿון אָרימקייט ווי פֿון אָפּגעלאָזנקייט -- וועט איר אין שטעטל ניט געפֿינען קיין דיקע פֿולע מענטשן. די קינדער צעדאַרטע, מאָגערע.

אויף היגיענישקייט איז מען אויך ניט אַזוי מקפּיד. ווען עס טרעפֿט, אַז חדשים-לאַנג וועט מען ניט הייצן די באָד (צוליב דעם וואָס מען דאַרף מאַכן אַ רעמאָנט, אָדער ס'פֿעלט געלט אויף האָלץ), וועט זיך דער קלייַנשטעטלשער אייַנוואוינער ניט וואַשן און ניט צוואָגן (פֿאַרשטייט זיך ניט אָן קליינע אויסנאַמען).

ניט אַלע פֿרויען באַנוצן די מקוה אין באַטרעפֿנדן עלטער (ביז אַ 60 פּראָצ.). סיי די מקוה, סיי די באָד ווערט זייער זעלטן גערייניקט. די וואַסער אין מקוה ווערט געביטן ניט אָפֿט און האָט אַ שלעכטן גערוך.

דער רעליגיעזער גייסט אין שטעטל, אָדער דער פֿאַנאַטיזם לאָזט זיך ניט אַזוי שטאַרק פֿילן. ס'איז מער אַ טראַדיציע. אמת, די שטעטל צווישן די אָרעמיקע האָט געשמט אַלס ליבעראַלע. אין אַנדערע שטעטלעך האָט מען גערופֿן די באַלעבאַטים „וו.-ד.-רער שליאַכטע". פֿון דער גאַנצער מענלעכער באַפֿעלקערונג דאַווענען אַלע טאָג ביי 35 פּראָצ. אין שול איז דאָ אַלע טאָג אַ מנין, אָבער מער ווי צוויי מנינים ייִדן קומען ניט. דאַקעגן שבת, גייען אַלע אָן אויסנאַם, אַפֿילו די וואָס דאַווענען ניט אַלע טאָג. ס'גייט אָבער ניט אַריבער כמעט איין שבת אָן מחלוקות אין שול אָדער עכּוב הקריאה. דערבייַ זייַנען שוין דאָ אַ 5—6 שטענדיקע טומלער.

מיר איז אויסגעקומען בייַצוזייַן אויף פֿאָלגנדע סכסוכים. אויף איינעם אַ ייִדן האָט מען געמאַכט אַ פּראָטאָקאָל, פֿאַרוואָס ער האָט געקוילעט ניט אין אַ באַשטימטן אָרט אַ בהמה און דערבייַ אָן אַ דערלויבעניש. דער ראש-הפּאָליציי האָט געפֿאָ-





דערט 200 ליט (20 דאָלאַר), וועט ער מבטל מאַכן דעם פּראָטאָקאָל.

דער שולדיקער האָט מעכּב הקריאה געווען און געפֿאָדערט, היות, ווי אַלע קוילען און אַלע עסן פֿלייש — זאָל מען צוזאַמענמאַכן די 200 ליט און פֿאַר אים אַריינטראָגן. אַניט האָט ער געדראָט— וועט ער זיך „רעכענען" מיטן שטעטל (ד. ה. מסרן).

צוויי שעה האָט געדויערט ביז מען האָט זיך מפּלפּל געווען, איבערגעקריגט און דעם בעל-דבר איז דערעסן געוואָרן צו שטיין ביים ארון-קודש. און ער איז אַראָפּ אבל וחפוי ראש.

קיינער איז אָבער בעת דעם סכסוך אַהיים ניט געגאַנגען און געדולדיק געוואַרט ביז מען וועט „לייענען".

אַ צווייטן שבת (נחמו) איז שוין נאָך דער קריאה פֿאָרגעקומען אַ קריג צוליב דעם, וואָס מען האָט איינעם ניט אייַנגעטיילט קיין עליה, ווייל ער האָט געהאַט יאָרצייַט.

תּשעה באָב וואַרפֿן זיך יונגוואַרג מיט בערעלעך און אַמערכטן ווערן אָנגעגריפֿן די, וואָס פּראָטעסטירן. ווען איינער באַקומט אַ פּעקל בערעלעך אין באָרד אַריין און שטילערהייט דראַפּעט ער זיי אַרויס און זאָגט זיך ווייטער זייַנע קינות — וועט מען אים לאָזן צורו. אָבער, ווען עמיצער הייבט אָן צו ליאַרמען קעגן די „באַדיינגען", „יונגאַטשעס" — וועט ער שוין קיין גאַנצער פֿון עסק ניט אַרויס. מען הייבט אים אָן ממש צו באָמבאַרדירן פֿון אַלע זייטן און דאָמאָלסט פֿאַרקאַכט זיך די ריכטיקע חתונה. דער פּראָטעסטאַנט וואַרפֿט זיך אויפֿן ערשטן אונטערן האַנט און (אַמאָל האָט ער נאָך אַ טעות דערצו) דערלאַנגט פּעטש.

דאָ נעמט זיך אָן אַ טאַטע, אַ קרוב און סתּם חברה. ס'ווערט לעבעדיק. מען שרייַט, מען שטויסט זיך, מען פּאַטשט איינע די אַנדערע. פֿאַר חברה ווערט פֿון תּשעה באָב אַ שמחת תּורה. אַ הו-האַ, אַ געטומל! דעם תּשעה באָב איז איינער, וועלכן מען רופֿט „שאַיע גערעכט" (ער האָט ביי עכּוב פֿון קריאת התּורה געזאָגט עטלעכע ווערטער, און חברה האָט אירגניש אַ געשריי געטאָן „שאַיע איז גערעכט". ער האָט עס אָנגענומען פֿאַר אַ ריעלע סחורה און געזאָגט „אוודאי איז שאַיע גערעכט" און אַזוי איז ער שוין פֿאַרבליבן מיט דעם צונאָמען) אַרויסגעלאָפֿן פֿון שול יאָגן זיך נאָך די „יונגאַטשעס", וועלכע האָבן אים מכבד געווען מיט אַ פֿאַרגרעסערטער צאָל בערעלעך. ס'איז געווען אויפֿן גאַס חשך. שאַיע האָט געשריגן און געשאָלטן און ייִנגלעך זייַנען געלאָפֿן און געשריגן „שאַיע איז גערעכט".

אַזעלכע און ענלעכע סצענעס חזרן זיך איבער יעדן ערב תּשעה באָב ביי קינות.

תּשעה באָב נאָך קינות גייט קליין און גרויס אויפֿן פֿעלד (בית-עולם). מען דערמאָנט זיך אויף די קברים וועגן דעם, יענעם. מען רעדט וועגן אַלטן בית-עולם א. אַז. וו.

אָפּט ענדיקן זיך די סקאַנדאַלן אין שול מיט פּאָליציייאישע פּראָטאָקאָלן און עס זייַנען געווען פֿאַלן, ווען דער בית-המדרש איז געווען אַ לענגערע צייַט געשלאָסן.

ס'איז ניטאָ דער אַמאָליקער אויטאָריטעט פֿון וועלכן קלייַנשטעטלשן תּקיף, פֿאַר וועמענס „דוך" (גייסט) מען פֿלעגט ציטערן.

לעצטנס, האָט שוין יוגנט אָנגעהויבן צו גיין אין גאַס אָן היטלען. לכתּחילה איז דאָס פֿאַרן שטעטל געווען אַ בייזער וואונדער. מען האָט געליאַרעמט אַ שבת אין בית-המדרש, הלמאַי זייַנען

אונזערע ייִנגלעך „ערגער ווי גוים". ס'האָט אָבער ניט געהאָלפן. דערפאַר מוז מען מודה זיין, אַז יוגנט היט דאָך אַ „ביסל שטאָט" (דאָס וואָרט „שטאָט", „שטאָטעק" איז אין שטעטל אַ שלאָג־וואָרט. מעגסט זיין ווער דו ביזט און דורכמאַכן אין דער שטיל אַלע על־חטאָן — אָבער ווען דו היסטס „שטאָטעק" — ביזטו אַ פיינער מאַן). עלטערע מענטשן האָבן מיר דערציילט, אַז חברה דערלויבט זיך אין וואַלד אָדער אין פעלד אויס־רויכערן אַ פּאַפּיראָס אויך. אָבער בפרהסיה ניט. אַפילו מיט אַ שטעקל אום שבת וועט קיינער ניט וואָגן צו גיין. און עלטערע זיינען כאַטש מיט דעם צופרידן. איינער פון זיי (אַ פרומער, אָבער אַ פּקח) האָט אויף די אָנקלאָגע פון טאַטעס־מאַ־מעס, אַז בח־ורים און מיידלעך גייען אום שבת אין וואַלד און טראָגן אַהין קישנס, ביכער, שפּייז — געזאָגט: „מילא, וואָס זיי טראָגן אין וואַלד איז נאָך אַ האַלבע צרה — די גאַנצע צרה וועט זיין, ווען זיי וועלן אָנהייבן טראָגן פון וואַלד"...

איצט איז אין וו־־ד. (ווי אין אַנדערע ליטווישע שטעטלעך) אַ „פאַרכאַפּעניש" מיט פוטבאָל. ס'האָט זיך געגרינדעט אַ־מכבי־גרופּע פון 30 יונגעלייט (וועלכע מאַכט אַפילו גימנאַסטישע איבונגען אויך), אָבער די גאַנצע פרייע צייט ווידמעט מען דעם „פויקן מיטן פוס די פּילקע" און די עלטערע קרעכצן: „גוואַלד די פּילקע, די פּילקע".

נאָר יונגוואַרג באַנוגנט זיך ניט מיט שפּילן אַליין. מען לאַדט איין די שכנישע מכבי־גרופּן פון אַנדערע שטעטלעך און מען מאַכט מאַטשן. דערבי־דערף דאָס שטעטל, וועלכע לאַדט איין, דעקן אַלע הוצאות פון די געסט: פּורגעלט, עסן א. אז. וו. נאָך אַזעלכע מאַטשן איז מען אָפט צעקיילט און צעביילט, אָבער די מכביסטן נעמען זיך מיט נאָך מער אימפּעט צו דער הייליקער עבודה פון „פויקן". ביי איין מאַטש האָט די פּילקע געטראָפן אַ באַ־לעבאָס, אַ צושויער. ער האָט אַ געשריי געטאָן „מען האָט מיר דערהרגעט" און איז געפאַלן... אין חלשות. ס'איז געוואָרן אַ געפּילדער, אַ רעש אין שטעטל. מען האָט זיי געוואָלט מחרים זיין. דער באַלעבאָס אָבער איז אָפּגעקומען מיט שרעק און מיטן טראַכטן, אַז ער איז שוין אויפן עולם האמת. די מאַטשן דויערן ווייטער.

אמת, די מכביסטן אין ליטע פירן אויס אַלע פונקציעס פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, קלייבן געלט אויף פאַרשיידענע קרנס, שקלים און די פונקציע זייערע גייט אַריין אַפילו אין סטאַטוט. די קאָמאַנדע איז אויף העברעאיש.

בכלל איז אין וו־ד. אויסער דער ציוניסטי־שער אָרגאַניזאַציע קיין אַנדערע ניטאָ. ביז גאָר דער לעצטער צייט זיינען קליין און גרויס געווען ממש פאַרכאַפּט התלהבותדיק מיטן ציוניזם. מען האָט זיך געגרייט שוין צו אַן אַלגעמיינער עליה.

די געשעענישן אין ארץ־ישראל האָבן אָבער אָפּגעקילט דעם עלטערן דור, וועלכער האָט זיך אַנטוישט און אָפט הערט מען זאָגנדיק: „עס איז אויך גאָרניט". די יוגנט איז אָבער פ ל מיט גלויבן אין ציון און רעכנט זיך פאַר חלוצים. פון שטעטל אַרבעטן 2 אין אַ קבוצה, וואָס גרייט צו חלוצים פאַר ארץ־ישראל.

די יוגנט האָט געעפנט אַ ביבליאָטעק, אין וועלכער ס'זיינען דאָ 400 ביכער, דערונטער 300 ייִדישע (75 פּראָצ.). די ביבליאָטעק האָט זומער ביי אַ 30 לעזער, ווינטער 40—45 (17 פּראָצ. פון דערוואַקסענע). דער אָפּצאָל 8 סענט אַ חודש. אויסער דעם שרייבט די ביבליאָטעק אויס 2 ייִדישע און 1 העברעאישע צייטונג. די צייטונגען גייען



אַריין אין לייענזאַל ביי דער ביבליאָטעק, וועלכע איז אָפן פון 9 ביז 11 אָוונט. אין שטעטל שרייבט קיינער ניט אויס קיין צייטונגען, אויסער איינעם, וועלכער באַקומט פון ארץ־ישראל פון זיינעם אַ קרוב אַ צייטונג. אויף ניים איז מען אין שטעטל זייער נייגעריק, אָבער אויסשרייבן אַ צייטונג „ס'זאָל קאָסטן געלט" איז מען ניט קיין בעלנים. די באַזוכער סיי פון ביבליאָטעק סיי פון לייענזאַל זיינען אויסשליסלעך יוגנט.

אין אַטמאָספער פון קליינשטעטל ווערן אויס־געווישט אַלע ליניקע און רעוואָלוציאָנערע שטי־מונגען. הויפּטזעכלעך מערקט זיך עס ביי „איידימס", געוועזענע בונדיסטן. זיי גייען געבעך מיטן טלית־זאַק אין שול. „די פּרנסה ברענגט מיט", ווי מען שפּאַסט אין שטעטל.

### .V

די „פּראָבלעם פון איידימס", וואו „קריגט מען זיי", ד. ה. חתונה מאַכן טעכטער איז זייער אַ האַרבע אין שטעטל. דערהויפּט, פאַרשטייט זיך, אין באַלעבאַטישע פאַמיליעס. פאַרן שטעטל איז דאָס אַ שווערע פּראָבלעם. „די בחורים ווערן משוגע", הערט איר פון די מאַמעס. „מען שעמט זיך ניט צו הייסן באַצאָלן 1000 דאָלאַר" אין אַ גאַנץ געוויינלעכער קליינשטעטלשער קרעמער־שער הויז. 300—4 דאָלאַר דאָס איז שוין צום ווייניקסטן. אויסער דעם, קומט נאָך מתנות (אַ גאָלדענער זייגער), אָפט דאַרף מען נאָך דעם חתן באַקליידן, חתונה־הוצאות אאז"וו. פאַרן קליינ־שטעטלשן ייִדן איז עס ביי איצטיקע צייטן „ניט איינצוביסן". דערצו, ווי מען דריקט זיך אויס אין שטעטל „פעלט אויס דער מין". הגם די סטאַ־טיסטיק פון שטעטל ווייזט אַן איבערוואָג פון מענער, אָבער אין חתונה־עלטער זיינען דאָ ווייני־קער בחורים, ווי מיידלעך.

פאַר די יאָרן 1920—25 האָבן אויסגעוואַנדערט 7 אין אַמעריקע, 7 אין ארץ־ישראל, 1 אין אורוגוויי, 2 אין מעקסיקע. צווישן די אויסגע־וואַנדערטע זיינען 70 פּראָצ. בחורים. אַלזאָ, דער מאַנגל איז פאַרשטענדלעך. אָבער דאָך איז אין שטעטל קיין אַלטע מוידן ניטאָ, נאָר איינע, עלטער פון 30 יאָר.

פּאַקטיש און טעאָרעטיש איז ניטאָ ווי חתונה צו מאַכן אַ מיידל — אָבער, — זאָגט דער קליינ־שטעטלשער באַלעבאָס, איז עס דען אַ תירוץ? „מען מאַכט חתונה מיט נסים". אמת, דאָ ק־מען אין באַטראַכט די אונטערשטיצונגען (ביי איצטיקע צייטן) פון אַמעריקאַנער קרובים.

אָבער דער דורכשניט־לעבן אין שטעטל איז אויך אַ נס. פון וואַנען לעבט אַ ייִד מיט אַ פאַ־מיליע—איז איינע פון די סאָציאַלע רעטענישן אין דער געשיכטע פון ייִדישן פאָלק. מיינע סטאַטיסטישע מעטאָדן האָבן דאָ גאָר ניט געקאָנט פעסטשטעלן.

איצט ווערן די חתונות געפּייערט באַשיידן. אַמאָל (מיט 30—40 יאָר צוריק) פלעגט אַ חתונה דויערן 3—4 טעג. 2 טעג איז געווען דאָס מינדסטע. ס'פלעגן קומען מחותנ־ם פון אַלע אַרומיקע שטעטלעך. אַ קאַפּעליע קלעזמער פון 6 מענטשן, צווישן זיי אַ צימבלער (גלייכצייטיק דער בדחן). פאַר טענץ האָבן געצאָלט די באַשטעלער. דער „פּינדעוועט" אַ קאַדריל, דער—אַ וואַלס („וואַלעק"), אַ לאַנסיע און אַז"וו. עסן און טרינקען — אויפן חשבון פון כלה'ס עלטערן. בכלל פלעגן אַלע הוצאות פון דער חתונה געדעקט ווערן פון כלה'ס צד. פאַר יעדן מחותן האָבן די קלעזמער אויפגע־שפּילט אַ „דאָברידזיען" (אַ מין טוש), פאַר וואָס זיי פלעגן באַקומען קליינגעלט. דער בדחן פלעגט יעדן באַגעגענען מיט אַ ווערטל: „חנה איז גאָר





אַ קאַכאַנע". „פאַר ר' חיים וועלן מיר מאַכן אַ לחיים". „פאַר ר' אידלען וועלן זינגען אַלע פידלען". „ר' משה וועט אונז געבן אויף אַ כוסה אַ גרויסע" און אז"וו.

טישן פלעגט מען אָפט איינאָרדענען אין שייערס, ווייל אין די הייזער איז געווען צו ענג פאַר אַלעמען. גאַנץ שטעטל האָט געמוזט זיין ביים טיש. נאָך „וועטשערע" פלעגט דער בדחן אויס־רופן דרשה־געשאַנק, באַגלייטנדיק ווייטער יעדן „וואָרפנדיקן" („וואָרפן דרשה־געשאַנק") מיט ווערטלעך. ס'פלעגן „פאַלן" בעכערס, לעפל, צוקער־פושקעס און דאָס רוב געלט פון 1 רובל ביז 5. אַזוי פלעגט זיך צוזאַמענמאַכן 150—200 רובל, וועלכע מען פלעגט איבערגעבן דעם חתן. ביי אָרימע חתונות פלעגט דרשה־געשאַנק זיין אַ מין מצוה פון הכנסת־כלה.

אויפן אַנדער טאָג אינדערפרי, פלעגט ביים חתן פאָרקומען אַ „טראַקטאַמענט"־רומפּל. איגער־בייגן לעקעך, בראַנפן, איינגעמאַכטס און אַנדערע זיסקייטן, מיטאָג — ווייטער ביי דעם כלהס צד. ס'זיינען געווען עטלעכע „ספּעציאַליסטן" אויף משמח זיין דעם עולם.

איינער לאָזט זיך אין שקאַרפּעטקעס טאַנצן איבער די טישן, דער אַנדערער האָט געטאַנצט „קאַזאַטשקעס", דער דריטער האָט געזונגען פּויערישע שיכור־לידער. אַ מאָל פלעגן אַ פּאָר פון די טענ־צער פאַרשטעלן פּויערים־געשפּרעכן, הומאָריסטישע סצענעס. בראַנפן פלעגט זיך גיסן, ווי וואַסער. ס'איז געווען פריילעך.

איצט זיינען שוין קיין קלעזמער ניטאָ. מען מאַכט חתונה אויף דער שטיל, ניטאָ די מתנות מחותנים. מען פאַרט אָפּט „אַ חופה שטעלן אין שטאָט". נאָכן קומען פאַרבעט מען די סאַמע נאָענ־סטע אויף שבע־ברכות, און מיט דעם איז מען יוצא. אויס דרשה־געשאַנק, אויס האָפּקעס, אויס ברחנים און אַלע איבעריקע קלאַפּער־געציג פון אַמאָליקע שמחות. די מלחמה האָט דורכגעפירט אַ שוואַרצן שטריך אונטער די פריילעכע ייִדישע שמחות, וואָס זיינען געווען דער איינציקער שטראַל ליכט אין ייִדישן אייביק פאַרזאָרגטן לעבן.

איך ווייס ניט וויפיל פאַמיליעס זיינען געווען אין שטעטל מיט אַ יאָר 30—40 צוריק, ס'איז שווער פעסטצושטעלן, אָבער מער, ווי איצט. הגם אין משך פון דעם איין לעצטן יאָר זיינען געווען 4 חתונות, ביי 6 געבורטן און 2 טויטפאַלן. אַלזאָ, געבורטן אין 3 מאָל מער ווי טויטפאַלן. אָבער דאָס שטעטל גרייהעט ניט.

### .VI

אַמאָל איז געווען אַ גרויסער רעזערוו פון ישובניקעס, וועגן וועלכע ס'איז שוין דערמאָנט פריער. אַלע ימים־נוראים פלעגן זיך אַלע ישובני־קעס מיט די גאַנצע פאַמיליעס צוזאַמענקומען אין שטעטל. אויף ראש־השנה און יום־כפור, צוויי מאָל. דאַווענען דאַמאָלסט אין אַ מנין עפּעס צווישן ערלים אין די הייליקע טעג — איז געווען ניט היימלעך. דאָס שטעטל פלעגט פאַרגרעסערט ווערן אויף אַ פערטל אָדער דריטל. יעדער ישובניק איז אַריינגעפאָרן צו אַ קרוב אָדער סתם אַ גוטן פריינד. ניט קוקנדיק אויף ענגשאַפט, האָט כען צו די אורחים אַרויסגעוויזן אַן אמת ברייטע גאַסט־פריינדלעכקייט, די בעסטע ערטער אין שטוב פלעגן אָפּגעגעבן ווערן די געסט. די ישובניקעס פלעגן קומען אין גרויסע פאָרפערדיקע וועגענער און ביים אַריינפאָרן באַגריסט ווערן פריינדלעך פון גרויסע און באַגלייט דורך קליינוואַרג, וועלכע האָט מיט נייגעריקייט געקוקט אויף די אורחים און איבערהויפּט מקנא געווען די ישובניקשע קינדער, וועלכע „פאָרן אויף פערד".

בכלל די גאסטפריינדלעכקייט איז געווען אזוי גרויס, אז נאכן דאווענען, איבערהויפט אין שלש רגלים, פלעגט מען אן אורח איינלאדן „אויף ברכה", און אפט האט ער געדארפט „מאכן ברכה" אין 4—5 ערטער, כדי קיינער זאל ניט פאראיבל האבן. די ברכה-כיבוד פלעגט באשטיין פון קיכל, איינגעמאכטס, געפרעגלעכטס, געפרעגלטע קרעפלעך, סטרודל, קאמפאט, לעקעך און אנד. יידישע מאכלים אין באגלייטונג פון בראנפן, פארשטייט זיך.

איצט זיינען געבליבן נאר שוואכע שפורן פון דעם אמאליקןברייטן הכנסת-אורחים. מען וועט זיך שוין ניט אמפערן צוליב א גאסט און פון אלע זייטן וועט מען אים ניט ציען. נאר דאך איז ביים עלטערן דור נאך איצט אויך פאראן פיל פריינדשאפט צו א גאסט, וואס אין שטאט איז שוין פון דעם אפילו קיין סימן ניט געבליבן. נאך איצט אויך האלטן אלע מאנכפעריזאנען פאר א חוב צוצוגיין צו אייך, איבערהויפט, אויב איר זייט נאך א ביסל מיט שטעטל אויסגעבינדן פון אמאליקע צייטן, און געבן שלום-עליכם. זעלבסטפארשטענדלעך, אז נאך געוויינלעכע פראגן וועגן געזונט, ווייב און קינדער גייט מען אריבער צו „פאליטיק", „וואס וועט זיין", „ביז וואנען וועלן עס זיין די גרענעצן" (די-א פראגע אינטערעסירט אממערסטן), ווי לעבט זיך דעם יידישן קיבוץ דא און דארטן וכדומה פראגן.

אויף אייער פראגע וועגן זייער לעבן וועט איר הערן איין תשובה: „וועגן אונז איז שוין ניטא וואס צו פרעגן" אדער „וועגן אונז איז אפגערעדט", „מיר זיינען כחרס הנשבר" א. אז. וו.

און מען מוז זאגן, אז א היפשע צאל פאמיליעס איז טאקע „כחרס הנשבר". ביז דער מלחמה איז דער עמיגראציע-שטראם געווען אזוי גרויס, אז אויסערדעם, וואס פאמיליעס פלעגן אוועקפארן („אוועקגיין") אין גאנצן צוזאמענשטעל קיין אמעריקע — איז בוכשטעבלעך ניט געבליבן קיין איינציקע פאמיליע, וועלכע זאל ניט האבן וועמען עס איז פון זיך צוועקגעשיקט קיין אמעריקע, אפריקע, קאנאדע. און איצט איז דאס גאנצע לעבן, דער גאנצער אינטערעס פון קליינשטעטלשן איינוואוינער געווענדעט „אהין": מען ווארט אויף בריוו, אויף געלט.

פון 65 פאמיליעס באקומען געלט-שטיצע, זאכן 53 פאמיליעס (85 פראצ.), דערונטער 7 פאמיליעס (17 פראצ.) לעבן אויסשליסלעך פון „אמעריקאנער געלט" און נאר 10 פאמיליעס (15 פראצ.) באקומען ניט קיין שטיצע, צוליב פארשיידענע טעמים, הגם זיי האבן אויך קרובים מעבר לים. און, ווען ניט די שטיצע וואלט זיכער דאס שטעטל (איבעריקנס ווי אלע אנדערע ליטווישע שטעטלעך) ניט געקאנט עקסיסטירן. אמעריקאנער קרובים שיקן אויף בגדים, אויף שיך, אויף אויסערארדנטלעכע הוצאות און ועל-כולם — אויף נדן. אמת, איצט איז עס באדייטנד קלענער, ווי מיט א פאר יאר צוריק. אבער נאך איצט בילדעט די אונטערשטיצונג א היפשן טייל פון ביודזשעט. אויף דורכצולעבן אין שטעטל באלעבאטיש פאדערט זיך פאר א פאמיליע פון 5—6 פערזאן 25 דאלאר א חודש, און „ארימערן אופן" 10 דאלאר און 6—7 איז אויך א מטבע.

דאס איז מעגלעך ביי דער ביליגקייט פון פראדוקטן. אין יולי 1925 יאר האב איך פארצייכנט פאלגנדע פרייזן אין אמעריקאנער סענטן: א קילא ברויט 2,5 ס., פוטער א קילא 20 ס., חלה א קילא 8 ס., פלייש א קילא 9—10 ס., פיש א קילא 10 ס., צוקער א קילא 9 ס., מילך א קווארט 3,5 ס., אן איי 1,4 ס., קארשן א טאפ 10 ס.



## VII.

אריבערגייענדיק צו די געזעלשאפטלעכע אנשטאלטן, וועלכע דאס שטעטל פארמאגט, וויל איך קודם-כל פארצייכענען די מוסדים, אן וועלכע ס'קען זיך ניט באגיין קיין יידישער ישוב: דעם בית-המדרש, א גאנץ גרויסע הילצערנע געביידע און להבדיל דעם מרחץ מיט דער מקוה.

דער מרחץ ווערט געהייצט איין מאל אין 3—4 וואכן (אפטער וואשט זיך ניט דער קליינשטעטלשער איינוואוינער). די באד איז אין א אנטי-היגיענישן צושטאנד, צעפוילטע פענסטער, פארלאגע, די ווענט באוואקסן מיט שוואמען, אין מקוה ווערט די וואסער געביטן זייער זעלטן, הגם די באד שטייט ביים סאמע טייך און האט א רער, וואס גיט אן אויבערשטן אויסגעצייכנטן קוואל-וואסער. אפט קען מען די באד ניט הייצן, ווייל עס איז ניטא קיין האלץ, ס'ווערט קאליע דער אייוון. און ביז אין בית-המדרש איז מען ניט מעכב די קריאה (צוליב נשים) נעמט קיין טאלק ניט.

כאראקטעריסטיש איז וואס מיט די באד באנוצן זיך קריסטן נאך אפשר אין א גרעסערער מאס ווי יידן, אבער קיינעם פאלט גאר ניט איין צו פאדערן פון דער גמינע מיטלען אויף אויסצוהאלטן די באד. זי בלייבט פינאנציעל א ריין-יידישלעכע אינסטיטוציע.

ס'איז נאך דא א שטיבל פאר הכנסת-אורחים וואו ס'נעכטיקן ארימעלייט. דער אינווענטאר באשטייט פון עטלעכע צעבראכענע טאפטשאנעס (ביינק) מיט א פאר שמוציקע שטרוי-זעק. דער הכנסת אורחים געפינט זיך לעבן בית-המדרש.

אין די לעצטע עטלעכע יאר זיינען קיין ארימעלייט כמעט ניט געווען בנמצא. דעם יאר, צוליב די פארארימונג פון דער באפעלקערונג אין ליטע, קומען שוין זייער פיל פון אנדערע שטעטלעך, אפט גאנצע פאמיליעס, גאר ווי אמאל. מיט א יאר 30 צוריק איז געווען א באוואוסטער ראש-המשפחה פון א דור ארימעלייט „בעזרוטסקע" (אן א האנט). זיין נאמען האט קיינער ניט געוואוסט. ער פלעגט חתונה-מאכן זיינע פיל קינדער אויך פאר ארימעלייט און ווייטער „נעמען זיי אויף קעסט". ער האט געהאט א פערד און די איידימס און שניר מיט די „נאטירלעכע צוגאבן" פלעגט ער ארומפירן איבער די שטעטלעך אויף קעסט ביי אלע באלעבאטים. ווען די פאמיליע „בעזרוטסקע" איז אבער אויסגעוואקסן, געווארן מרובה באוכלסן האט דער אלטער בעזרוטסקע צעטיילט ליטע אין ראיאנען און אפגעגעבן יעדן ראיאן מיט אלע שטעטלעך און ישובניקעס פאר יעדן איידעם און זון באזונדער. איצט זיינען די שפורן פון בעזרוטסקעס משפחה פארשוואונדן, אבער ס'קומען צו פרישע ארימעלייט, וועלכע גייען איבער אלע שטעטלשע הייזער. און ס'איז דא א נארמע, וויפיל צו געבן אן ארימאן, א מגיד, א לערנער א. אז. וו. די נתינה איז ניט גרעסער יעדנפאלס פון 10—15 ליטווישע סענטן. מען דארף אבער פארצייכענען, א אין שטעטל קומען פאר אפטע זאמלונגען פאר פארארימטע 2—3 פאמיליעס, אדער אלמנות. אויסער, פארשטייט זיך קרנס, שקלים און ענלעכע ציוניסטישע זאמלונגען. דעריבער מוז מען זאגן, אז אויף צדקה-זאכן גייט אוועק ביים קליינשטעטלשן איינוואוינער פראצענטועל מער ווי ביי שטאט-מענטשן.

די מעדיצין אין שטעטל איז פארגעשטעלט אין דער פערזאן פון א פעלדשער, וועלכן מען רופט „פראפעסאר". ס'איז אפילו דא אויך אן „אכתער דאקטאר", א גוטבאוויצער לעבן שטעטל. אבער יידן און קריסטן ווענדן זיך אפטער צום „פראפעסאר", וועלכער גיט אן עצה מיט רפואות, וואס ער מאכט





אליין, הגם אין שטעטל איז פאראן אן אפטייק (שוין א יאר 20). דער פעלדשער איז אמאל געווען אין דער יוגנט אין א מיליטערישן שפיטאל (מעגלעך, אז ער האט באקומען א געוויסע ספעציעלע אויסבילדונג), געווען באקאנט א ביסל מיט דער רוסישער ליטעראטור און געהאט געוויסע האלב-אינטעליגענטישע באדערפענישן. מיט דער צייט האט ער זיך אריינגעצויגן אין דער שטעטלשער אטמאספער און האט זיך געמישט אין אלע קהלשע ענינים. אין שטעטל האט מען אים געהאלטן פאר א אינטריגאן און פאר א מענטשן, וואס רופט ארויס קריג און מען האט אים דערפאר גערופן „דער סיסקאל". דאס שטעטל האט אים אויך באשולדיקט אין „בארייטן" — און גייציקייט.

איצט איז ער שוין א זקן, און קראנקע פויערים נעמט צו די ווייב. ער לייענט נאר א העברעאישע בלאט און איז א ציוניסט.

דער פעלדשער איז א פסיכאלאגישע רעטעניש. אין אנטוויקלונג איז ער געשטאנען העכער פון דער גאנצער ארומיקער סביבה, אבער ער האט קיינמאל ניט געפרובט דערהייבן איר צו זיך, נאר, פארקערט, איז תמיד געווען אין איר איינגעטונקט און פלעגט שטענדיק ארויסרופן מחלוקות צוליב נישטיקע ענינים. אפשר איז עס געווען אן איינגעארטיקע נקמה פון א מענטשן, וואס האט געפילט, אז ער מוז שוין אזוי פארבלייבן אין דער דאזיקער סביבה אויפן גאנצן לעבן.

אויסער מעדיצינישע הילף — גלויבט נאך דער עלטערער דור אין פארריידן, אפשפרעכן אן עין-הרע אין ספעציעלע פאלן [ביים איינבייסן פון א משוגענעם הונט, ביי א רויז, ביי א מכה (דורכציען א פארריידטן שנירל) א. אז. וו.]. ביי עפילעפסיע און משוגעת דארף פארריידן א טאטער (אין א נאענטע שטעטל איז דא א טאטערישע קאלאניע, וועלכע ליפערט „פאררײדער").

מאכט זיך, אז מען דארף וועמען עס איז שיקן זיך היילן, „ווערט אין שטעטל געלט" און מען שיקט נאך א דאקטאר, אדער מען שיקט אין שטאט זיך היילן. בכלל רופט זיך דאס שטעטל אפ אויף נויט. א מענטשן אויסגיין לאזט מען ניט. פארט כל-ישראל חברים.

חברא קדישא באשטייט פון 13 מענטשן. זיי דארפן עס זארגן פארן בית-עולם א. אז. וו. אבער דא קומען אויך פאר עכט „יידישלעכע" זאכן. צוליב קבורה-געלט איז רעכט אפצוהאלטן א מת א טאג—צוויי. די חברה איז א געשלאסענע און ווי אויף וואס די געלט גייט אוועק איז אומבאוואוסט. יעדער פרוב פון קאמף מיט דער חברה האט נאך ביז איצט ניט געגעבן קיין רעזולטאטן.

## VIII.

קיין נארמאלע שול איז אין שטעטל קיינמאל, אויסער „יעקאפא-צייט", ניט געווען.

אין 1919 יאר, ווען דאס שטעטל איז געווען אונטער דער פוילישער הערשאפט און ווען „יעקאפא" האט פארשפרייט איר הילפס-טעטיקייט אויף אלע יידישע שטעטלעך פון ווילנער פראווינץ, איז אין וו.-ד. געעפנט געווארן א שול.

אין שטעטל האט זיך געבילדעט א קאמיטעט אדער א מין ועד-הקהלה, וועלכער פלעגט אויך פארטיילן די „יעקאפא"-שטיצע. די חשבונות און בכלל די געשעפטספירונג פון ועד איז געווען א גאנץ פרימיטיווע, הגם עס איז געווען א סעקרעטאר, א האלבער אינטעליגענט. די יונגט איז געווען פארטראטן אין ועד און דארטן פלעגן פארקומען רייסערייען און מחלוקות מיט קעגנזייטיקע באשולדיקונגען.

ביידע צדדים פלעגן קומען אַפּעלירן אין ווילנע צו „יעקאפּאַ", אָדער בעטן מער אָדער ווייניקער איינפלוסרייכע לאַנדסלייט, אַז זיי זאָלן „איבערווירקן" דאָס אָדער יענץ אין „יעקאפּאַ".

אַרום דער שול האָבן זיך צעפלאַקערט די געמיטן. דער רב האָט געפאָדערט אַ מלמד, די יוגנט — אַ לערער. נאָך פאַרשיידענע סכסוכים איז מען דורכגעקומען: אי אַ לערער, אי אַ מלמד. „יעקאפּאַ" האָט באַשטעטיקט אַ לערער (העברעאיש) און אַ לערערין אויף אַלגעמיינע למודים (יידיש). אַר די שטעטל, וועלכע האָט קיינמאָל קיין יידישע שול ניט געהאַט, האָט ניט געקענט זיך צוגעוווינען, אַז מען גייט מיט די קינדער שפּאַצירן (לעקציעס פון נאַטורוויסנשאַפט), אַז מען זינגט און טאַנצט (גימנאַסטיק) און „בכלל מען פּטלט צייט אויף פּוסטע מעשיות".

די שול האָט ניט געקענט עקסיסטירן נאָר אויף די מיטלען פון „יעקאפּאַ" און מען האָט געדאַרפט אַריינטראָגן אַ שכר-לימוד (אמת אַ קליינעם). אָבער צו דעם האָט מען קיין גרויס חשק ניט געהאַט. ביי די קינדער איז אָבער די שול געווען טייער, און גערן פלעגן זיי די שול באַזוכן. צום סוף יאָר איז אָבער פאַר די לערער געוואָרן אוממעגלעך צו עקסיסטירן ביי דער פיינדלעכער שטימונג פון אַ טייל עלטערן און רב. און די שול האָט געהאַלטן ביים חרוב ווערן ס׳זיינען אָנגעקומען די געשעענישן פון זומער 1920 יאָר (באָלשעוויסטישע אינוואַזיע). דאָס שטעטל וו.-ד. איז אַריבער צו די ליטווינער און געוואָרן אָפּגעריסן פון ווילנע. די שול האָט אויפגעהערט צו עקסיסטירן.

איצט איז די ערציאונג און לערע מיט דער קליינוואַרג אין שטעטל אַ געמיש פון מיטל-אַלטער מיט מאָדערן. נאָך מיט עטלעכע יאָר צוריק זיינען געווען 3 דרדקי-מלמדים און 1 גמרא-מלמד. איצט איז נאָר געבליבן איינער, דער שמש. אַלע ווייסן, אַז ער „טוט ניט קיין פעולה", אַז די 5—6-יאָריקע קינדער, וועלכע ווערן אָפּגעגעבן צו אים ביז 10-יאָריקן עלטער לערנען זיך קוים אויס עברי און אַ „שטיקל חומש", און וועלכן זיי פאַרשטייען גאָרניט. נאָר „מען דאַרף דאָך געבן אַ קינד אין חדר" איז דער תירוץ. דער מלמד שלאָגט אַפילו די קינדער און יעדערן גיט ער אַ צונעמעניש: יקום בעמבע, חיים טרייטל, הירשע זונדקע, פילימאָס (פילאָזאָף) א. ד. גל. דער מעטאָד איז: קמץ א — אָ, ויאמר — געזאָגט, וידבר — גערעדט א. אַז. וו. איצט האָבן אַ גרופּע פון 5—7 „באַלעבאַטישערע" (אינטעליגענטערע) פאַמיליעס אָנגעהויבן צו דינגען אַ לערער, נאַטירלעך אַ העברעער, וואָס לערנט שעהנווייז אַלע למודים: תנ"ך, העברעאיש, חשבון, ידיעות הטבע א. אַז. וו. און אַפילו ליטוויש אויך.

מיט איינעם אַ לערער, אַ געוועזענעם קלויזניק, איז מיר אויסגעקומען זיך צו טרעפן. זיין מעטאָד איז געווען וואַרפן אַ טעראָר אויף די קינדער. 6—7-יאָריקע עופעלעך פלעגן פאַרברענגען אין חדר פון 9 אַזייגער ביז זון-אונטערגאַנג (זומער). נאָר אויף איין שעה פלעגט ער זיי אָפּלאָזן אַהיים. זיי פלעגן דאַרפן זיצן אַפילו אין צימער ווען אַנדערע כתות האָבן געלערנט און ניט טאָרן צווישן זיך ריידן. פאַר דעם חטא האָט ער באַשטראָפט די קינדער מיט „אַריינלייגן זיי אין חרם", וועלכער איז באַשטאַנען אין דעם, אַז קיינער פון די חברים און חברטעס האָט ניט געטאָרט אויסריידן מיט די באַשטראָפטע אַ וואָרט, אַ מין באָיקאָט. אויף די באַשטראָפטע קינדער פלעגט עס שרעקלעך ווירקן, זיי פלעגן ניט עסן, ניט שלאָפן, וויינען. איין 7-יאָריקע חנהלע איז קראַנק געוואָרן.



דער מצב האָט געדויערט ביז איין מוטער, וועמעס קינד איז געווען צושלאָגן פון לערער, האָט געמאַכט דעם לערער אַ סקאַנדאַל: „אויב שלאָגן — טאָ שלאָגט אייערע אייגענע קאָפּ אָן וואַנט" האָט זי געשריען. און דאָך... איז דער, לויט מיין אויפפאַסונג קראַנקער מענטש, געווען אין שטעטל אַ לערער 2 זמנים. „די קינדער האָבן אָבער געטאָן אַ פעולה אין תנ"ך און העברעאיש" — האָבן מיר עטלעכע טאַטעס געזאָגט. פאַר העברעאיש וועט דער היינטוועלטיקער קליינשטעטלשער באַלעבעסל ברענגען אַפילו אַ קרבן זיין איינן קינד.

אין שטעטל איז דאָ אַ ליטווישע פּראָגימנאַזיע, אין וועלכער ס׳לערנען זיך 8 (12 פּראָצ.) יידישע מיידלעך. יינגלעך שיקט מען ניט. „וואָס מאַכט מען מיט אַ מיידל", זאָגט דער קליינשטעטלשער ייד. די פאַרמעגלעכערע שיקן די יינגלעך אין העברעאישע גימנאַזיעס אין גרעסערע שטעט — 6 (10 פּראָצ.), 1 לערנט זיך אין אַ רוסישע גימנאַזיע אין קאָוונע. פון די געענדיקטע גימנאַזיסטן לערנען זיך 2 אין קאָוונער אוניווערזיטעט. אין סלאָבאָדקער ישיבה לערנט 1. אין שטעטל גופא לערנען 5 יינגלעך גמרא.

די האַרבסטע שאלה איז אָבער, וואָס טוט מען מיט קינדער? און אין דעם פּרט איז נאָך די פּסיכאָלאָגיע פון קליינשטעטל ניט איבערגעבראָכן.

אין ארץ-ישראל איז מען גרייט צו טאָן כל עבודת פרך, אָבער דאָ אין גלות — וועלן זיך זייער ווייניק וואָגן פאַרנעמען זיך מיט פיזישע אַרבעט. אמת, די חלוצישע באַוועגונג האָט דאָ אויך דורכגעבראָכן אַ וואַנט, אָבער אַ פולע פאָראורטיילן זיינען נאָך געבליבן. צו מלאכה איילט מען זיך ניט

## IX.

אויפן באָדן פון קרובהשאַפט און ירושה, דער עיקר צווישן שוואָגערס און אָפט אַפילו צווישן ברידער און שוועסטער קומען פאָר גרויסע סכסוכים, און מען איז איינע די אַנדערע „דם שונאים".

אַזוי קאָן נאָך איין איידים נ., אין 30 יאָר אַרום נאָך דער חתונה, ביז איצט ניט פאַרגעסן, אַז, לויט זיינע אויסרעכענונגען, האָט אים דער שווער און שוויגער (וועלכע זיינען שוין אַ יאָר 10 טויט) ניט דערגעבן קיין נדן (אין שטעטל שמועסט מען, אַז נ. האָט אַ גוטן זכרון און עס „גענולט" זיך אים אַלץ נדן). די גאַנצע תביעות האָט ער צום שוואָגער (דער ווייבס אַ ברודער), הלמאַי האָט ער געירשנט די הויז, וואָס דער שווער האָט איבערגעלאָזן. הויז, ווי ער איז באַעוולט געוואָרן, אמת מיט 30 יאָר צוריק — מוז ער איצט באַקומען אַ טייל פון הויז. דערביי טרעפט, אַז די טאַטעס-מאַמעס פון ביידע צדדים ריידן ניט צווישן זיך, נאָר די קינדער (שוועסטער-קינדער) זיינען איינע מיט די אַנדערע די בעסטע פריינד און זיינען קעגנזייטיקע איינגייער אין די „צעקריגטע הייזער".

ס׳טרעפט אויך, אַז גלייך נאָך דער קבורה פון אַן אַלטן טאַטן, וואָס האָט געלאָזן אַן אַלטע כאַלופּע מיט ליידיקע ווענט — הייבט זיך אָן אַ מחלוקת צוליב דער כאַלופּע. ס׳פליען קללות, חרמות און נאָך ערגערע זאַכן אויך, ביז ס׳מישן זיך ניט אַריין זייטיקע מענטשן אָדער דער רב, וועלכע מאַכן אַ וועלכע עס איז פּשרה. דער שלום אָבער דויערט ניט לאַנג און די שנאה בלייבט.

אָט איז דאָ אַ בלינדע אלמנה („אַ שמידיכע") אַ יאָר 80, וועלכע עס שטיצן קינדער פון אַמעריקע. פון מאַן איז איר געבליבן אַ קוזניע מיט אַ הויז אויף „צוויי עקן". איין „עק" האָט זי פאַר



דונגען אַ שכן, און אין צווייטן (דורך אַ פירהויז) האָט זי געוואוינט מיט 2 אייניקלעך, אַ מיידל און אַ יינגל, קינדער פון איר פאַרשטאָרבענעם זון. ביידן האָט זי אויסגעהאַלטן פון דער שטיצע, וואָס זי פלעגט באַקומען פריער אין 1920—23, ווען דער דאָלאַר איז געווען אין ליטע אַ „גרויסער יחסן" און ביי די אַמעריקאַנער זיינען עפּעס געווען בעסערע צייטן — האָבן איר מקנא געווען אַפילו שטעטלשע באַלעבאַטים: קוילעט אַפילו אַ הין אויף שבת און אינדערוואָכן עסט זי אַ „שטיקל פלייש". טרינקט טיי ניט מיט סאַכאַרין, נאָר מיט אמתע צוקער. הכלל „הלוואַי אויף אַלע אָרימעלייט געזאָגט געוואָרן". אָבער די שטיצע ה.ט אָנגעהויבן צו ווערן מאָגערער און די דאָלאַרן זעלטענער. איר אייניקל, די מיידל, האָט די אַלטע התונה געמאַכט, „אָפּשרייבנדיק" פאַרן איידים די הויז און אָפּגעבנדיק אירע אָפּשפּאָרונגען אין נדן. איר שכן האָט זי אַנטזאָגט פון דער דירה מיטן אויסרייד, אַז זי דאַרף איר אָפּגעבן דער יונגער פּאָר.

ס׳איז אַריבער אַ יאָר און די גליקלעכע באָבע, וועלכע האָט אָפּגעגעבן איר אייניקל די דירה און אין וועלכע זי האָט אַריינגעלאָזן איר מוטער (די געוועזענע שנור פון דער בלינדער) און איצט אַן אלמנה נאָכן צווייטן מאַן, איז געבליבן אָן אַן אייגענעם ווינקל.

דער אייניקלס מאַן האָט ביי דער צושטימונג פון די איבעריקע הויזלייט אָנגעהויבן צו טרייבן די אַלטע פון שטוב פון איר „עק": „אין מיין שטוב וועט איר ניט זיין". די אַלטע לויפט צו מענטשן זיך באַקלאָגן, זי איז אַן אייפּזיכט, מען טעראָריזירט איר אין איר אייגענער שטוב (וועלכע איז שוין פאָרמעל ניט אירע), הגם זי לעבט נאָר אויף די מיטלען פון אירע אַמעריקאַנער קינדער און העלפט נאָך די אייניקלעך מיט געלטמיטלען. זיי ווילן ניט האָבן די „ארורה" (אַן אַלטע — איז דאָך שוין במילא אַן ארורה...).

אָפט אינדערפרי ווערט אין שטעטל אַ געלאַף: דער איידים טרייבט די זקנה פון שטוב. מענטשן הייבן אָן צו „שטראָפן" (מוסרן) דעם צעהיצטן יונגנמאַן. אָבער נאָר אויף עטלעכע טעג, און די בלינדע באַגיסט זיך מיט טרערן און יאָמערט אויף איר באמת פינסטערן מזל.

ס׳זיינען דאָ אָבער ביישפּילן פאַרקערטע. אָט איז אַ מוטער, אַן אַלטע, און אַלע דערוואַקסענע קינדער מיט גרויסע פאַמיליעס ווילן, אַז די מאַמע זאָל זיין ביי זיי. און צו דער „מאַמען" ציען זיך אַלע 15 אייניקלעך, פרעגנדיק איר: „מאַמע, וואָס דאַרפסטו?" אָבער די מאַמע האָט פאַר יעדערן אַ גוט-וואָרט און אַמאָל עפּעס וואָס צו געבן אויך. אַלע לעבן דאָ בשלום.

די ליבע צו קינדער אין שטעטל איז נאָך אויסערגעוויינלעך שטאַרק און אין אַ געוויסער מאָס פּאַטריאַרכאַליש. ווען אַ טאַטע גיט אויס קינדער — וועט ער זיי נאָך אַלץ „טוליען" אַרום זיך. העלפן זיי, שיקן זיי שטענדיק „פּעקלעך", „פּאָסילקעס", אויב זיי זיינען אין אַן אַנדער שטאָט.

## X.

די באַציאונגען צווישן יידן מיט די קריסטן וואָלט בכלל געווען זייער אַ פריילעכע. אַ גוי ווייס, אַז יידן דאַרפן האַנדלען, אַז יידן דאַרפן בייען אַ בגד, איינשמירן אַ וואָגן, אַ סאָכע, מאַכן פּאָדקעוועס, בייען היטלען א. אַז. וו. אמת, מען כאַפּט אונטערמורמלען, אַז יידן זיינען אַזעלכע און אַזעלכע, אַז ווייבער, מיידלעך, זיצן זומער אויף די גאַניקעס און יידן דרייען זיך אַרום עפּעס

כ'ווייס וואָס, ווען אויפן פעלד ברענט די ארבעט, אז יידן זיינען דאָס, יענץ, באַקאַנטע טענות. אָבער, אז מען האָט אַ סכסוך מיט אַ יידן — גייט דער גוי זיך קלאָגן צום רב. ביי אַ געלט-אָפּמאַך מיט אַ יידן — ווייטער צום רב.

אָבער דאָ מישט זיך אריין די קריסטלעכע אינטעליגענץ פון שטעטל, וועלכע איז פּאָוויניסיש און קליינבירגערלעך ביז גאָר. זיי טענהן: לאָמיר אויך האַנדלען, האָבן קרעמלעך, לאָמיר גרינדן קאָאָפּעראַטיוון, וועלן מיר דערשטיקן דעם יידישן האַנדל.

און אַ קאָאָפּעראַטיוו בילדעט זיך טאַקע. נאָר אין דער יידישער קראָם קאָן מען זיך דינגען און אויסקלייבן אָן צערעמאָניעס. לאָזט זיך דעריבער ניט אזוי פילן די קאָנקורענץ פון קאָאָפּעראַטיוו. ערגער איז, ווען עס קומט אַ גלח, אַ שונא-ישראל און נוצט אויס זיין השפעה פון קלויסטער-בימה צו רייצן דעם המון קעגן יידן. קעגן גלח איז ניטאָ קיין מיטל. אָבער אין מעשים דריקט זיך עס ניט אויס.

און דער המון פון איין זונטאָג ביזן אַנדערן פאַרגעסט די העצע.

מיט דער נידעריקער און מיטעלער אַדמיניסטראַציע קומען יידן דורך מיט אַ מתנה, מיט אַ פלאַש בראַנפן, מיט אַ מתן בסתר.

און שלעכט איז טאַקע, ווען עס טרעפט זיך אַ ווייסע קראָע, אַ נקי כפים. „שפּייען יידן מיט בלוט", ווי עס איז דער פאַל אין אַ שכניש שטעטל. דאָרטן איז ממש ניט צו שטיין און ניט צו גיין אָן פּראָטאָקאָלן. דאָס טאָר מען ניט, און דאָס דאַרף מען ניט. דאָס איז ניט געמעלדעט, דאָס איז ניט פאַרשריבן, דאָ איז ניט ריין און דאָ איז ניט אויסגעהאַנגען געווען קיין פאָן אין אַ מלוכה-יום-טוב, און דער האָט זונטאָג פאַרקויפט שפּעטער, ווי ס'איז דערלויבט. הקיצור, ס'איז דאָ שטאָף אויף אַ צענדליק פּראָטאָקאָלן אַ טאָג. ווערט מען טאַקע דאָרטן „אויסגעריסן". אַ גליק נאָר, וואָס מען בייט זיי אָפט די קליינע סטראָפן, קאָן מען אָפּכאַפּן דעם אָטעם.

מאַכט זיך אָבער אריין צווישן די מלוכה-אָנגעשטעלטע אַ „אינטעליגענט" — איז ביטער.

אין שטעטל איז געוואָרן אַ דירעקטאָר פון פּראָגימנאַזיע און אַ לערער-סעמינאַר אַ געוועזענער גלח. ער איז צום אַנטיסעמיטיזם צוגעגאַנגען „אידעאיש", פון שטאַנדפּונקט פון „פּאַטערלאַנד", וועלכע מען דאַרף דאָך פון די יידן ראַטעווען.

ער האָט זיך אָנגעזעצט אויף אַ יידן, וואָס האָט 45 יאָר געוואוינט אויף ערד, די ערד האָט געהערט צו אַ רוסישער צערקווע. מען זאָגט, אז גאָר אַמאָל צו אַ קאַטוילישן קלויסטער. ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס דער ייד האָט געהאַט אַ קאָנטראַקט פון דער רעגירונג אויף די ערד און האָט איר אַליין באַאַרבעט — האָט זיך דעם דירעקטאָר איינגעגעבן אויסצופּועלן אין מיניסטעריום, אַז די ערד זאָל אָפּגעגעבן ווערן אַ קאַטוילישן פרויען-פאַרבאַנד. דער ייד ווערט אַרויסגעזעצט און באַקומט אַ 1/7 פון די ערד און אַלע בנינים, וועלכע ער האָט פאַר אַ האַלבן יאָרהונדערט אַליין אויפגעבויט.

דער דירעקטאָר קויפט ביי יידן סחורות, און, ווען עס קומט צום צאָלן די חובות, יאָגט ער זיך נאָך די יידן, וואָס קומען מאָנען דעם חוב מיט אַ ביקס, אָדער רייצט אויף זיי אַ הונט.

אַ יידישער קירזשנער מאַכט היטלען פאַר די סעמינאַריסטן. ווען ער בעט אַ ביסל געלט פאַר דער ארבעט — שטעלט דער דירעקטאָר אָן סעמינאַריסטן און דער ייד ווערט צעשלאָגן. ער



פאַרטרעט אפילו דעם גלח אין יענעמס אָפּוועזנהייט און העצט פון דער בימה אויף יידן. אין פּריוואַטן לעבן איז ער ניט קיין פּרוש (הגם אַ בחור), האָט ליב אַ לעב צו טאָן. איז ניט קיין גרויסער שונא פון פּריצן. לערער, וועלכע ער איז חושד אין ליבעראַליזם, פאַרפאָלגט ער. אָבער זיינע „הויכע" מעשים דערגייען פאָרט צום ליטווישן סיים (צדאַנק אַ פּאָר ערנסטערע לערער) און ער ווערט ענדלעך צוגענומען פון שטעטל, וואו ער האָט שוין איבערגעלאָזן עקאָנאָמישע חורבנות (ספּולקעס צום ניט קויפן ביי יידן און אַז. וו.). ער האָט אָבער באַקומען אַן אַנדער פּאָסטן און מען האָט געשמועסט, אַז דער דזשענטלמענישער לערער-גלח איז אַ קאַנדידאַט אויף אַ מיניסטער-פּאָסטן. המיצר לישראל נעשה ראש — אזוי איז דאָס שטעטל איבערצייגט.

און דאָך זיינען די באַציאונגען צווישן יידן און קריסטן ניט קיין שלעכטע. קיין מאָל ביז איצט האָט מען ניט מורא געהאַט פאַר אַ פּאָגראָם, אָדער פאַר עקסצעסן, סיידן די „קריסטלעכע דעמאָקראַטן" וועלן זיך באַמיען „אויסצובילדן" אין דעם פּרט דאָס פאָלק...

אין גמינע זיצן 2 יידישע ראַטמענער (ביידע קרעמער). אין שווערע פאַלן ווענדעט מען זיך צו זיי נאָך אַן עצה: „אַ ייד וועט שוין די עצה געבן". אין גמינע איז אפילו געווען אַ יידישער שרייבער, אַ געוויסער יונגערמאַן, זייער אַ פעאיקער. ביי די דייטשן איז ער געווען דער גאַנצער פירער פון באַצירק (ביים אַמטס-פאָרשטייער). זיך אויסגעלערנט דייטש. ביי די פּאָלאַקן איז ער געוואָרן דער סעקרעטאַר פון קרייז-שעף און פלעגט קומען אין שטעטל אויף אַ קאַזיאָנע פּאָר פערד. ווען ס'זיינען געקומען די ליטווינער האָט זיך דער יונגערמאַן אויסגעלערנט ליטוויש און באַהערשט די שפּראַך, אַז קיין ליטווינער האָט אים ניט געקענט נאָכהאַלטן. האָט מען אים אויסגעקליבן פאַר אַ גמינע-שרייבער, ד. ה. אויך פּאַקטישן באַלעבאָס פון באַצירק. שפּעטער איז ער געוואָרן לערער פון דייטש אין אַ ליטווישער פּראָגימנאַזיע, ביז ער האָט זיך אַליין ניט אָנגעזאָגט פון די אַלע אַמטן און איז אַוועקגעפאָרן אין ק. אָפּגעבן עקזאַמען און אָנגעקומען אין ליטווישן אוניווערזיטעט.

## XI.

בכלל אַלץ וואָס גייט אַרויס פון געוויינלעכן ראַנזשיר (ניוואָ) פון שטעטלשן לעבנסשטייגער רופט שוין אַרויס די גרעסטע אויפמערקזאַמקייט. אין דעם פּרט וואָלט מען געדאַרפט דאָס אָנרופן „די מאַכט פון שטעטל" (פאַרגלייכן מיט גל. אוספּענסקיס „Власть земли"). ס'איז גענוג, ווען אַ ייד וועט זיך ערלויבן עסן מיטאָג און אַלע טאָג אין אַ באַשטימטער שעה — איז ער שוין אַ „גראַף", אָדער אַ „פּריץ". און ווען אין שטוב איז ריין, און וועש בייט מען אַלע וואָך, און די פאַמיליע האָט אַ געוויסע אַכטונג צו זיך טראָגט שוין די משפחה דעם צונאָמען „Царская фамилія". ווען איינער איז געקומען פון שטאָט און געקויפט זיך אַ פעלערינע — איז ער שוין געקרוינט מיטן נאָמען „האַוועלאָק". מען מוז אָבער מודה זיין, אַז אָפט האָט דאָס שטעטל אַ שאַרפע אויג און באַמערקט און שאַצט אָפּ מיט איין ווערטל דעם גאַנצן מהות פון אַ מענטשן.

איך וועל ברענגען אייניקע ביישפּילן:

„לייבע די קאָפּ" אַ בלינדער ייד מיט אַ גרויסן קאָפּ (בוכשטעבלעך). זיצנדיק ביי זיך אינדערהיים פלעגט ער שטענדיק קאָמבינירן און טראַכטן און ריידן וועגן אַלעמען. „שלום יאַק" הייסט אַ קליין יידעלע, וואָס האָט אָנגעטאָן אַ וואַטאָווע קורטקע.





ער איז שוין אין די 70-קער און קינד און קייט רופט אים „שלום יאַטשעק". ער באַליידיקט זיך שוין אפילו ניט. אַ גאַנצע ריי משפחות ברייער צייכענען זיך אויס מיט לאַנגע נעזער (דאַכט זיך ניט קיין זעלטנהייט ביי יידן), און קהלשע עניינים שטייען זיי איינע פאַר די אַנדערע שטאַל און איזן. „אַ: די נעזער". ווייסן שוין אַלע וועגן וועמען עס האַנדלט זיך.

„קייסער" איז געווען אַ ייד אַן אָרימאַן אַ קאָראַבעלניק מיט קרומע אייגן. „ער האָט געהאַט אַ ביטערן (שטרענגן) קוק". פאַרשטייט זיך, לויט דעם שטעטלשן באַגריף קוקט אזוי נאָר אַ קיסר. דעם זון האָט מען גערופן „נאַסלעדניק", די ווייב „קייסערינע" און די טאָכטער „קייסערינקע". אפילו גוים האָבן אים גערופן „צעסאַרזש". קיין גרעסערע איראָניע ווי דער צונאָמען איז ניט געווען.— אין שטעטל האָט אַ ייד אויסגעבויט אַ הויז מיט אַ גלעזערנע שאַלקע (באַלקאָן, אַנטרעסאָל) און אַריינגעלאָזן אַהין אַ שוסטער, אַגב אַ גרויסן וויצלינג און אַ ליגנער. זיין ברית-נאָמען איז מיט דער צייט פאַרשוואונדן, ווייל ער איז פאַרבליבן מיטן צונאָמען „באַלקאָן". ווען עמיצער האָט אים געדאַרפט פּאָרלען פאַר ניט צו דער צייט צוגעשטעלטע ארבעט האָט מען אים געשאָלטן אַ „קלאָג צו באַלקאָנקען". אַ שניידער-פּאָר, וואָס האָט צוזאַמען געוואויגן ניט מער ווי 4 אַ האַלבע פּוד און אַרויסגעבראַכט אויף דער וועלט ראַכיטישע קאַרליק-יינגלעך האָט מען גערופן „די גוואַרדיע" און די קינדער „קאָזאַקן". באַזונדערס, באַקומען צונעמענישן איידימס. ס'איז גענוג, ווען די מחותנים זאָלן זיך אַרויסכאַפּן מיט אַן אומפּאָרזיכטיקן וואָרט וועגן איידים, ווי דער וואָרט ווערט שוין צוגעהעפט צום באַלעבעסל. איינער זאָגט, אַז ער האָט שוין ענדלעך געטראָפן אַ חתן „אַ צאַצקע". „די צאַצקע" הייסט שוין דער איידים אויף שטענדיק. „דער איליגענט" (אינטעליגענט). „דער פּראָפּעסאָר" (אַ „קענער"), אַגב דערפאַר, וואָס ער טראָגט ברילן. איין איידים האָט אין די צייט פון אָסט-מאַרקן געוואונען 15.000 מאַרק גרן — איז פאַרבליבן מיטן נאָמען „דער יקרות" (אַגב טאַקע ניט ווערט) און אַ קעגנפאַל — „די מציאה". אַ שטילינקער איידים, וואָס איז ניט דערבאַקן הייסט „דער אייזעלע" (אַגב אַ קליינינקער). דער אַנדערער האַלט אַ ביסל אָפן די מויל — איז ער „וואָראָנע".

אין שטעטל ווייס מען וואָס ביי עמיצן טוט זיך אין חדרי-חדרים. אַ שטייגער, איינער האָט אָפּגעצויגן די בריסט נאָך אַ קינפּעט ביי זיין ווייב — לויט דער עצה פון פעלדשער — איז ער שוין געבליבן מיטן נאָמען „סיסון" (זויגער). ביי איינעם, מעשה שטן, איז געבאָרן געוואָרן אַ קינד אין 3 חדשים אַרום נאָך דער חתונה — פאַרשטייט זיך, איז ער שוין „דער בריה" (אַגב טאַקע זייער אַ ריירעוודיקער און האָרעפּאַשנער, פאַר וועלכן קיין זאַך איז ניט צו שווער).

אַן איידים אַ לערנער מיט אַ האַלב-לאַנגע („האַלב יאַקיש האַלב פּיוואַש") קאַפּאָטע רופט מען „פּולראַבינעק". דער גאַנצער הילוך און האַלטונג איז באמת אַ פּולראַבינישע.

דעם ערשטן שניידער, וואָס האָט אויפגעהערט מעסטן מיט אַ שנירל און באַנוצט אַ סאַנטימעטער-מאָס, האָט מען אַ נאָמען געגעבן „דער צענטרימעטער", פאַרקירצט „צענטער". ווייטער גייען צונעמעניש ווי: „קאַנאַריק" (אַ שניידער זינגט לידלעך ביי דער ארבעט), „וואָראָבייטשיק" (אַ קליינער שוסטערל מיט אַ דינע שטימע), „פּאַרסיוק" (נאָכגעמאַכט ווי עס קוויטשעט אַ חזיר), „איצע באַלבע" (אַ כבדי-פּה), „שוועלבעלע", „פוקס" („די

פיקסעלעך*) א. אז. וו. פון דעם צונאמען ווערט מען שוין אויפן גאנצן לעבן ניט באפרייט.

עס האט אבער ניט געטראפן, אז מען זאל געבן א צונאמען א מענטשן, וועלכן אלע אכטן, אמת, אזעלכע זיינען דא אין שטעטל זייער ווייניק.

די טענדענץ פון אפשפאטן איז אין שטעטל זייער גרויס, און א ביים מענטשן נעמט מען אבסערווירן פון אלע זייטן, ביז מען געפינט עפעס אריגינעלעס, וואס מען קען אויסדריקן אין איין ווארט.

ס'מוז אויך באטאנט ווערן, אז די שטעטל פארמאגט נאך א גרויסן קוואל פון פאלקס-הומאר. ס'זיינען דא יידן מיט שארפע קעפ און אמתע וויצלינגער און דערציילער.

ס'זיינען אויך פאראן אין שטעטל יידן חכמים און פילאזאפן, דענקער אויפן יידיש-קליינשטעטל-דיקן שטייגער.

אזא איז, למשל, אין שטעטל אברהם-חיים, דער ישובניק-פילאזאף. אין דער יוגנט איז אברהם-חיים געווען א פריילעכער יונג, האט געזונגען, געשפילט פידל, געטאנצט אזעלכע קאזאטשקעס און האפקעס, אז מען פלעגט זיי רופן אברהם-חיימס קאזאטשקעס. אויף א יידישער שמחה פלעגט ער זיין דער אנפירער פון אלע לאנסעס, קאדריל-טענץ, וואלס „דונאיסקיא וואלני“ און אלע אנדערע. האט געקאנט לערנען. אבער האלט געהאט זיך צו באריימען. אלץ זיינס איז אויסגעצייכנט, „אנטיק“, זיינע קינדער זיינען וואונדער-קינדער. זיין פערד איז א פקח, עפנט דעם טויער אליין. דער הונט איז פשוט פון „הונטלאנד“, איין חכם און גוטער פריינד. געלעבט האט ער ביי א פריץ, און געהאלטן פון אים א טערפענטין-פאבריקל מיט עטלעכע העקטאר ערד. קיין ארענדע האט ער ניט געצאלט. געמאכט פארן פריץ פון מאל צו מאל שוינטן און מיט פידל און „באליקעס“ די ארענדע אפגעקומען. און, ווען עס פלעגט קומען צו ארענדע האט דער פריץ דערמאנט. אברהם-חיים האט ניט... האט אים שוין דער פריץ אליין בארואיקט: „זיין זיך, איך טרייב דאך דיך ניט“.

אברהם-חיים איז געווען א שטרענגער צו די קינדער: „זיי געהאלטן אין צוויק“ און זיי האבן אים טאקע ניט שטארק ליב געהאט דערפאר.

אין דערפל, וואו ער האט געוואוינט, האבן גוים פאר אים געהאט דרך-ארץ. ער האט זיך געהאלטן שטאלץ: „פאן אבראם“.

מיט דער צייט זיינען די קינדער זיך צעגאנגען, צעפארן און ער איז געבליבן אליין מיט דער ווייב (א צווייטע). די קינדער פון אמעריקע שטיצן אים. ער איז שוין א יאר 75. איז נאך קרעפטיק. „מיך האלט אויף א קאפעלע“ (בראנפן*). אן עטלעכע גלעזלעך א טאג קאן ער טאקע ניט אויסקומען, און זיצט א גאנצן טאג און לערנט און טראכט וועגן איינפאלן פון דער תורה. גאט נעמט ער אן, אלס וועלט-השגחה. וואס איז אזוינס די השגחה — ווייסן מיר ניט. אפשר איז זי גאר קליין, אבער מיר דארפן איר האבן. און ער גיט בסדר משלים. אט איז איינער פון אט די משלים: אין ווילנע (פאר די יידן פון שטעטל איז ווילנע די אלפא און אמעגא פון דער וועלט) האט ער אמאל געזען ווי א פאר יינגלעך טרייבן א 40—50 אקסן טשאבאנעס (די גרויסע טשערקאסער מינים) און די אקסן גייען, וואוהין דאס בייטשל פון די בחורימלעך טרייבט זיי. ווען ניט אלע, נאר איין אקס וואלט זיך צעבושעוועט און א דריי געטאן מער ניט מיט די גרויסע הערנער — וואלט דא פון די בחורימלעך געווארן א תל. אבער דער אקס טראכט, אז ביים בחורל ליגט א גרויסע, גרויסע קראפט און גייט ווי א שעפסעלע. אט אזוי איז מיט דער השגחה אויך.

חוץ משלים, האט אברהם-חיים אן א שיעור מעשיות און איינפאלן, פול מיט לעבנס-פקחה און איינגארטיק דענקען.

ניט קוקנדיק אויף זיין הארטקייט און אפילו קארגקייט, איז ער א ברייטער מכניס-אורח. אלץ פארן גאסט. און מיט א אינטערעס קאנט איר פארברענגען ביי דעם זקן א טאג-צוויי און אויסהערן זיינע אומענדלעכע מעשיות און אויך דערציילונגען פון אמאליקע זיינע עובדות און גבורות.

ס'גייען אבער שוין אויס אזעלכע יידן. די לעצטע מאהיקאנער פון זיי לעבן נאך. דער אוצר מיט מעשיות, ווערטלעך, איינפאלן, המצאות וועלן מיט זיי פארשוואונדן ווערן.

טומירנדיק, מוז איך זאגן, אז ניט קוקנדיק אויף די אלע שאטנס אין מיין שטעטל — האט זי אין זיך נאך זייער פיל זאפט און געזונט. אבער זי איז פארוואָרלאזט.

דאס שטעטל בלייבט נאך א גרויסער קוואל פון איינגארטיקייט, אריגינעלקייט און פאלקס-שאפונג.

דאס שטעטל אליין איז א גרויסע יידישע פראבלעם, מיט וועלכע מען דארף זיך נאך לאנג פארנעמען.

הירש אבראמאוויטש.

סעפטעמבער, 1925.

---

*) זאלן מיר מוחל זיין די מעריקער. אלע נאר אלטע אין שטעטל זאגן, אז נאר א גלעזעלע בראנפן האלט אונטער זייער געזונט און טיפן עלטער.

# וואָרניאַן

## (אַ שטעטל, וואָס איז אָפּגעקויפט געוואָרן פון פריץ).

### I.

**וואָרניאַן** (ווילנער קרייז) איז זייער אלט, אבער ווי לאנג עס געפינט זיך דא א יידישער ישוב — איז שווער פעסטצושטעלן. ס'איז דא ניטא ניט קיין קהלשער פנקס, ניט קיין בית-עלמין מיט אלטע מצבות, וואס העלפן אמאל אויפקלערן די פראגע. אלנפאלס, ווי עס גיבן איבער היגע זקנים, וועמעס זיידעס און עלטער-זיידעס האבן דא געוואוינט, איז שוין מיט א 150 יאר צוריק געווען אין שטעטל א יידישע באפעל-קערונג.

דאס גאנצע שטעטל מיט די פלעצער און בנינים האט פון שטענדיק אן געהערט צו די היגע פריצים. דער לעצטער פריץ, וועלכער האט איבער-געבויט דאס שטעטל און האט איר געגעבן איר איצטיקן אויסזען איז געווען איינער פון די אב-ראמאוויטשעס. כאטש פון דעמאלט אן איז שוין אריבער איבער 100 יאר, זאגן דער פלאן פון מארק און די בנינים, וואס שטייען אויף אים, נאך עדי-היום עדות, אויף דעם באזונדערן חוש פאר שיינקייט, הארמאניע פון פארבן און סימעטריע פון ליניעס פון דעמאלטיקן אבראמאוויטש.

אבראמאוויטש און נאכדעם זיינע יורשים, די כניאדעצקיס, זיינען אפנים געווען שטארק פאר-אינטערעסירט אפצוהיטן דעם שיינעם אויסערלעכן אויסזען פון שטעטל: איינמאל אין יאר פלעגט אלץ רעמאנטירט און געפארבט ווערן אויפדאכנ״ אויף דער רעכענונג פון הויף. דער גרויסער, גלייכער מארק-פלאץ, דורכגעשניטן אין סאמע מיטן, פון איין עק ביזן צווייטן, מיט א ברייטער שאסעדיקער אלעיע, באגרענעצט פון צוויי זייטן מיט צוויי שורות איינגארטיקע מייערלעך, גע-פארבטע אויף ווייס מיט רויטע דאכלקעס-דעכער, אלע ענלעך איינער אויפן אנדערן, ווי צוויי טראפנס וואסער, או. עשפארט פון איין זייט אין קלויסטער-פלאץ און פון צווייטן אין הערלעכן טונקל-גרינעם הויף-פארק — האט געמאכט, לויט ווי עס דערציילן די עלטערע היגע איינוואוינער, א פרעכטיקן איינדרוק.

מיטן איבערגיין פון שטעטל אין די הענט פון איצטיקן פריץ האט זיך די לאגע אין דער הינזיכט פארענדערט צום ערגערן. ניט נאר ער אליין האט ניט געוואלט מאכן קיינע רעמאנטן אויף זיין חשבון, נאר ער האט אפילו ניט דערלויבט די איינוואוינער דורכצופירן דעם קלענסטן רעמאנט אויף זייערע אייגענע קאסטן. ער האט מורא גע-האט, אז אויב זיינע שכנים וועט געגעבן ווערן די מעגלעכקייט פריי צו פארריכטן און איבערבויען זייערע וואוינונגען, וועלן זיי מיט דער צייט עס אנהויבן צו האלטן פאר זייערס און אפלייקענען זיין אייגנטום-רעכט אויף די הייזער. צוליב דעם, ווי אויך צוליב די צעשטערונגען, וואס האבן אנ-געמאכט די שרפות און די מלחמה-יארן, האט זיך דאס אויסערלעכע אויסזען פון שטעטל זייער אפגעלאזן און מאכט שוין ניט קיין איבעריקס דערפרייענדיקן איינדרוק.

### II.

די באפעלקערונג פון שטעטל ציילט איצט עפעס איבער 300 נפשות און באשטייט 80 פראצ. פון יידן, און די איבעריקע 20 פראצ. מאכן אויס די קריסטלעכע באאמטע (פון גמינע, פאסט, פרידנס-געריכט, פאליציי, סיימיקאוון מעדיצינישן- און וועטערינארן-פונקט). די אזוי צוזאגן צווייטע קריסטלעכע באפעלקערונג פון איבער 100 פאמי-ליעס וואוינט אין דערבייאיקן דארף (נאוואוויעס—„ביידארף“), וועלכער איז אפגערוקט פון שטעטל ניט מער ווי א 100 מעטער, און שטעלט מיט זיך פאר אייגנטלעך א פארלענגערונג פון דער שטעטלשער יידישער גאס.

גאנץ ציילט די יידישע באפעלקערונג 56 פאמיליעס מיט 235 נפשות.

לויט די באשעפטיקונגען איז דער באשטאנד פון דער יידישער באפעלקערונג פאלגנדער: 4 הענדלער, 15 קרעמער, 24 בעל-מלאכות, 3 ערד-ארבעטער, 5 אנדערע באשעפטיקונגען, 5 אן א באַ-שטימטער באשעפטיקונג.

לויט זייער פאך ווערן די 24 בעל-מלאכות איינגעטיילט אויפן פאלגנדן אופן: 3 שוסטער, 6 שניידער און שניידערקעס, 4 בעקער, 4 גלעזער, 3 קצבים, 1 שמיד, 1 קאטלער, 1 זייגערמאכער און 1 שטעפער.

אויפפאלנד איז דער פאקט, וואס דא פעלן אויס אינגאנצן יידישע בוי-ארבעטער (סטעליארעס, סטאליארעס און מולארעס). עס דערקלערט זיך אפשר דערמיט, אז זינט 30 יאר איז אין שטעטל גארניט געבויט און כמעט גארניט רעמאנטירט געווארן, צוליב דעם איינגארטיקן באציען זיך, ווי עס איז שוין דערמאנט געווארן פריער, פון איצ-טיקן פריץ, דעם באלעבאס פון די הייזער, צו זיינע לאקאטארן.

## .III

די עקאנאמישע לאגע פון שטעטל איז פאר דער מלחמה, ווי עס האבן מיר איבערגעגעבן די היגע עלטערע איינוואוינער, געווען א גאנץ גוטע. צענדליקער יארן נאכאנאנד האבן רייכע יידישע וואלד-סוחרים געהאקט די גרויסע פריצישע וועלדער, וועלכע האבן זיך געצויגן מיילנווייז ארום שטעטל. די וואלד-קאנטארן מיט די פיל אנגעשטעלטע און ארבעטער האבן אריינגעבראכט א גרויסע אויפלעבונג אין שטעטל. עס האבן געשמאק געלייזט די קרעמער, בעקער, קצבים. עס האבן גוט פארדינט די יידן-פורמאנעס פון אריבערפירן דאס געהילץ צום „ספלאוו" (די ווויליע איז 7 קילאמעטער פון שטעטל). אויבערדעם האט אין הויף געארבעט א גרויסער בראנפן-בראוז, און דעם „פאדוואל" האט געהאלטן אין ארענדע א ייד. עס זיינען נאך געזעסן אין הויף אלס ארענדאטארן צוויי יידן: א מילנער און א פאקטער.

די מלחמה האט דא אלעמען שטארק צעריואינירט. כמעט די גאנצע יידישע באפעלקערונג האט פארן אנקומען פון דייטש פארלאזט דאס שטעטל, און האט זיך געלאזן מיט פערד און וואגן, אין וועלכן עס האט זיך געפונען דאס סאמע נויטיקסטע, ווער אין מינסק און ווער אין ווילנע. א טייל זאכן האט מען נאך פריער ארויסגעשיקט פאראויס, און דאס גאנצע הויז-ווירטשאפט, די ק"ו, שווערערע סחורה פון די קראמען, אנגעגרייטע תבואות און ערד-פראדוקטן האט מען איבערגעלאזן אינדערהיים אויף הפקר. אויסגעלאזן האט זיך, אז קיינער האט זיך ניט דורכגעריסן קיין רוסלאנד, און אלע, אויך די, וואס זיינען אנגעקומען קיין ווילנע, האבן זיך באלד געמוזט אומגעקערן צוריק אין שטעטל. דערביי איז פארלארן געגאנגען דאס גרעסטע טייל פון די פאראויס ארויסגעשיקטע זאכן. אינדערהיים האט מען געפונען א חורבן. עס איז ניט געבליבן קיין סימן פון דעם אלץ, וואס מען האט איבערגעלאזן. די הייזער זיינען געווען פארלייגט מיט פארוואונדעטע און קראנקע דייטשן. און גאר איינגיכן איז אנגעשטאנען דאס אלעמען גוט באקאנטע מלחמה-בילד פון ליידן און צרות, פון הונגער און מחלות, פון צוואנגס-ארבעטן און איבעריקע שווערע גזרות פון די אקופאנטן.

דער איצטיקער עקאנאמישער מצב פון שטעטל קען ניט באצייכנט ווערן אלס א צופרידנשטעלנדער. די הויפט-פרנסה איז די קרעמעריי. אבער קיין איין קראם גייט דא ניט אויף חיונה. אין שטעטל, ביי דער גמינע, איז טעטיק א געזעלשאפטלעכער קריסטלעכער קאאפעראטיוו, וועלכער האט אפטיילונגען אין אלע וויכטיקערע פונקטן פון דער היגער גמינע, ווי אויך אין די שכנות-דיקע גמינעס. דער קאאפעראטיוו איז זייער גוט ארגאניזירט און ארבעט מיט גרויס ערפאלג. אין זיין רשות געפינען זיך גרויסע געלט-מיטלען פון דער קאאפעראטיווער באנק ביי דער גמינע. ער שאפט סחורות וואגאנענווייז, און זיין הויפט-לאגער, וועלכער געפינט זיך אין שטעטל, איז שטענדיק פול פארלייגט מיט כלערליי מינים סחורות. דער קאאפעראטיוו איז דעריבער א געפערלעכער קאנקורענט פאר די היגע קרעמער, וועלכע ברענגען איינמאל אין צוויי אדער דריי וואכן א פורל סחורה פון ווילנע. אייניקע סחורות, די שווערערע, ווי צ. ב. פארשיידענע מעל, קויפן זאגאר די היגע קרעמער דא אין קאאפעראטיוו, ווייל פון ווילנע ברענגען מאכט אויס טייערער.

זעלבסטפארשטענדלעך, אז עס איז שווער די היגע קרעמער אנטקעגנצושטעלן זיך אזא קרעפטיקן און רייכן קאנקורענט. איז טאקע דער פדיון אין די קראמען, דערהויפט אין די ניט מארק-טעג (וועלכע קומען דא פאר 2 מאל אין חודש, אלע 10-טן און 25-טן), זייער א שוואכער. מען זאגט דא, אז אויך דאס ביסל, וואס די קרעמער לייזן אין א מארק, איז צו פארדאנקען נאר דעם, וואס די אנגעשטעלטע אין קאאפעראטיוו האבן דאן ניט פשוט די פיזישע מעגלעכקייט צו ענטפערן אלע קונדן, אזוי גרויס איז דארט דער געדראנג. אויך זאגט מען, אז אין א יידישער קראם קומט נאר דער קונה, וועלכער האט שוין איבערגעשטיגן זיין קאנטא אין קאאפעראטיוו און באקומט שוין מער ניט דארטן אויף קרעדיט, כאפט ער זיך אריבער אנבארגן ביי א יידן. און כאטש דאס ווערט ארויסגעזאגט האלב אין שפאס, שטעקט אין דעם א טייל ביטערער אמת.

עס איז א פאקט, אז פון קראם אליין איז דא שווער צו לעבן, פארנעמען זיך טאקע דעריבער אלע קרעמער מיט ביי-באשעפטיקונגען. און די וויכטיקסטע פון די אלע ביי-באשעפטיקונגען איז די ק"ו, דער גארטן און אפטמאל א שטיקל פעלד. א גארטן האט דא יעטווידער איינער אן אייגענעם, און דאס שטיקל פעלד באקומט מען פון הויף אדער פון א פויער. דער ייד גיט זיינע מיסט, זריעה און ארבעט, און באקומט, געוויינלעך, א העלפט פון דער גערעטעניש.

איבערהויפט איז דא א טייערע זאך די ק"ו. די באזארגט די פאמיליע מער ווי אויף 3/4 יאר מיט מילכיקס, און שטעלט צו אויך די נויטיקע מיסט. מען היט זי דעריבער און מען גייט ארום ארום איר זייער זארגעוודיק.

מען באמיט זיך אויך אויסצונוצן די גערטנער און שטיקלעך פעלד אויף אזא אופן, אז מען זאל האבן עטוואס תבואה און גרינס און קארטאפל אויף א גאנצן יאר פאר זיך און פאר דער ק"ו, און עס זאל נאך בלייבן אויף זריעה.

וואס איז נוגע די בעל-מלאכות איז זייער לאגע נאך שווערער, ווי די קרעמערשע. די מלאכה טראגט נאך אריין ווייניקער, ווי די קרעמעריי. דערהויפט איז ארונטערגעגאנגען שוסטעריי און שניידעריי. מען קויפט אלץ, סיי בגדים, סיי שוכווארג, פארטיקע ביי די קרעמער, וואס פארן אן אהער אויף די מארק פון די ארומיקע שטעטלעך און פון ווילנע. די נאענטקייט פון ווילנע (50 קילאמעטער) איז איבערהויפט א קנאפע מעלה פאר די דאזיקע ארבעטער-פאכן. דער פויער, וועלכן עס קומט אויס זיין אפט אין ווילנע, געוואוינט זיך איינצוקויפן דארט אלץ, וואס עס איז אים נויטיק, דערהויפט וואס איז נוגע קליידונג און שוכווארג.

בכלל זיינען דא קיין רייכע צווישן דער יידישער באפעלקערונג ניטא. די, וואס מאכן א לעבן, מאטערן זיך גענוג אויף דעם. צוליב דער שווערקייט, מיט וועלכער עס קומט אויס צו מאכן די חיונה, געפינט מען דא ניט קיין ברייטערן ארט לעבן. מען לעבט דא איינגעשרענקט, אויפן שטייגער פון א דארף, הן בנוגע צום עסן און קליידונג, הן בנוגע צום גאנצן אויסזען און פארנעם פון לעבן.

עס איז א קליין שטעטעלע מיט א הארעפאשנער, ווייניק באמיטלטער יידישער באפעלקערונג. אלע הארעוועו, סיי אלט, סיי יונג, מיט א מין איבערגעגעבנקייט און ליבע צו דער ארבעט. מען ווייס די באדייטונג פון א פארדינטן גראשן און מען ווארפט זיך ניט פונאנדער מיט אים.

דא איז כדאי צו באמערקן, אז ניט קוקנדיק אויף דער קאנקורענץ, וואס די יידישע קרעמער האבן דא אויסצושטיין פון קריסטלעכן קאאפעראטיוו, זיינען די קעגנזייטיקע באציאונגען צווישן די היגע יידן און קריסטן לגמרי ניט קיין שלעכטע. עס פילט זיך ניט אין די באציאונגען קיין אנגעשטרענגטקייט און רייצונג. די, וואס שטייען בראש פון דער פארוואלטונג פון קאאפעראטיוו, פירן בכלל ניט ביים איצטיקן מאמענט קיין אגיטאציע צווישן דער קריסטלעכער באפעלקערונג פאר זייער אינסטיטוציע און קעגן דעם יידישן האנדל. די זאך זייערע, ווי זי איז איצט צוועקגעשטעלט, אגיטירט אליין פאר זיך. אפילו ביים גרינדן פון קאאפעראטיוו און אין דער ערשטער צייט פון זיין ארבעט, בעת די אינסטיטוציע איז געווען נאך ניי און אומבאקאנט צווישן דער באפעלקערונג, איז ביים אגיטירן פאר איר ניט שארף באטאנט געווארן דער יידישער מאמענט.

מען קען דא אפט זען, ווי מען באמערקט אגב עס ניט זעלטן אין אלע שטעטלעך אויף אונזערע קרעסן, ווי א ייד מיט א פויער זיצן פארטיפט אין א פארטרוילעכן שמועס וועגן זייער בעל-הבתישקייט, פאמיליע-ענינים א. ד. ג. בכלל, איז דער פראסטער עולם דא ניט אנגעשטעקט מיט בלינדער שנאה און האס קעגן יידן. אפשר איז עס דערפאר, ווייל דא איז דער אויסערלעכער אויסזען פון יידישן לעבן אין הינזיכט פון באקוועמלעכקייט און פארנעם ניט ווייט אוועק פון פויערישן, אזוי אז עס איז דא ווייניק פארן סבות צו קנאה און שנאה.

## .IV

ווי עס איז שוין אויבן דערמאנט געווארן, געהערט דאס גאנצע שטעטל ווארניאן צום פריץ, ד. ה., ניט נאר די ערד אויף וועלכע דאס שטעטל איז געבויט איז זיינע, נאר אויך אלע בנינים — הייזער, שטאלן און קראמען — זיינען זיין אייגנטום. אפילו דער בית-המדרש און די קהלשע באד, וועלכע זיינען געבויט געווארן אויסשליסלעך אויף יידיש געלט, געהערן רעכטלעך און פארמעל צום פריץ, ווייל ער האט ניט דערלויבט זיי צו בויען, ביז וואנען ער האט ניט באקומען פון די יידן אן אונטערשריפט, אז די בנינים זיינען זיינע.

די יידן האבן געוואוינט די גאנצע צייט אין די הייזער אלס דעם פריצס לאקאטארן, מיט וועלכע מען פלעגט שליסן קאנטראקטן יערלעכע אדער אויף אייניקע יאר. די דירה-געלט איז געווען ניט קיין גרויסע: 80 זלאטעס א יאר פאר א וואוינונג און ביז 150 זל. פאר א קראם. ביים אויסמאכן די דירה-געלט פלעגן נאך געמאכט ווערן גרעסערע אדער קלענערע הנחות פאר די ארימערע. אבער די איבעריקע תנאים פון דער ארענדע האבן זייער געדריקט אויף די לאקאטארן. איבערהויפט האט זיך שווער געלאזט פילן דאס, וואס די שכנים איז שטרענג פארווערט געווען צוצובויען, איבערצובויען אדער רעמאנטירן די וואוינונגען. די מויערן און הייזער, וועלכע זיינען געבויט געווארן מיט איבער 100 יאר צוריק, האבן איצט ניט געפאסט אויף וואוינונגען. זיי זיינען אלע געבויט לויט איינעם און דעמזעלבן פלאן. יעדער מויער אדער הויז באשטייט פון 2 גלייכע העלפטן, פון וועלכע יעדער איינע דינט פאר א דירה. יעדער דירה האט 2 צימערן מיט 2 פענסטער צום גאס און 1 פענסטער צום הויף. אויסערדעם, האבן יעדערע 2 שכנותדיקע דירות א בשותפותדיקן פירהויז און נאך א צימער, וועלכער האט ווארשיינלעך געזאלט דינען פאר א בשותפותדיקע קיך, אבער וועלכער ווערט איצט אויסגענוצט אויף אנדערע צוועקן. די אייגנטלעכע דירה, ד. ה. די 2 צימערן, האט עפעס איבער 6 מעטער די לענג, ביי 5 מעטער די ברייט און עפעס ווייניקער ווי 3 מעטער די הייך. פאר דער

מלחמה האָבן נאָך אין פּיל פון אָט די דאָזיקע וואוינונגען זיך געפונען צו 2 פאַמיליעס. אויך איצט וואוינען 10 פאַמיליעס אין 5 וואוינונגען, ד. ה. צו 2 פאַמיליעס אין אַ וואוינונג.

פון אָט דער לאַגע האָבן אַמשטאַרקסטן געליטן די אָרימערע. די רייכערע פלעגן ווי עס איז באַוויזן דורכצופירן אינעווייניקסטע קלענערע רעמאָנטן, און אַפילו, כאָטש זייער זעלטן, ווען זיי פלעגן אָנטרעפן אויף אַן עת רצון ביים פּריץ, אויספועלן ביי אים ער זאָל זיי ערלויבן דורכצופירן אַ גרעסערן רעמאָנט. די אָרימערע האָבן עס אָבער ניט געקאָנט דערגרייכן. דעריבער זיינען זייערע וואוינונגען שרעקלעך אָפּגעלאָזן געוואָרן, די דעכער האָבן אָנגעהויבן דורכצורינען, און צוליב דעם זיינען צעפוילט געוואָרן דער סופיט און דיל. די ווענט פון די הילצערנע הייזער ביי די אָרימערע זיינען פון אַלטקייט אויסגעפוילעוועט און פון די מויערן אויסגעבראָקלט געוואָרן.

אַזאַ לאַגע האָט אויך שטאַרק געשטערט דער באַפעלקערונג אין אירע געשעפטן און באַשעפטיקונגען. די קרעמער און הענדלער האָבן ניט געקענט אַוועקשטעלן קיין שפּייכלערס אָדער סקלאַדן אויף אַוועקצולייגן סחורה. די בעל-מלאכות האָבן זיך געפּייניקט מיט זייערע וואַרשטאַטן און אַלעמען האָבן אויסגעפעלט גוטע שטאַלן פאַר די קי און פערד און רימען, וואו צו באַהאַלטן און היטן תבואות און אַנדערע לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן.

אַזוי איז געווען ביז דעם לעצטן יאָר. אין האַרבסט 1927 האָט פּלוצלונג דער פּריץ געמאָלדן, אַז ער פאַרקויפט דאָס שטעטל, און אויב זיינע לאָקאַטאָרן ווילן, קענען זיי אָפּקויפן זייערע הייזער. ער האָט באַשטימט אַ פּרייז פון 9.000 (ניין טויזנט) דאָלאַר פאַר פאָלגנדע אָביעקטן:

10 געמויערטע בנינים צו 2 וואוינונגען אין יעדערן, 3 האַלבע מויערן צו 1 וואוינונג אין יעדערן, 1 גרויסער מויער פאַר 8 וואוינונגען, 7 הילצערנע בנינים צו 2 וואוינונגען אין יעדערן. בס"ה 45 וואוינונגען, אין וועלכע עס זיצן 48 פאַמיליעס.

חוץ דעם:

צוויי „ריאַדן“ געמויערטע קראָמען:

1-טער ריאַד — 8 גרויסע קראָמען,

2-טער ריאַד — 10 קלענערע קראָמען.

צו יעדער דירה געהערט איין הילצערנער שטאַל. צו עטלעכע דירות איז צוגעגעבן מער ווי צו איין קאַלטן בנין. אויסערדעם, איז צו יעדער וואוינונג צוגעטיילט אַ פּלאַץ („סיעדזיבע“) און אַ גאָרטן. דער אַלגעמיינער שטח פון אַלע פּלעצער, גערטנער, לאָנקע און מאַרק-פּלאַץ (וועלכער גייט אויך אַריין אין דער קניה, אויסער דער אַלייע אין דער ברייט פון 25 מעטער, וועלכע דער פּריץ האָט איבערגעלאָזן פאַר זיך) באַטרעפט אומגעפער 15 העקטאַר. אויך באַקומען לויטן קאָנטראַקט די קונים רעכט אויף דער שטעטלשער פּאַשע, צוזאַמען מיט די איבעריקע שטעטלשע איינוואוינער, וועלכע האָט אַ שטח אויך אומגעפער פון 15 העקטאַר.

(דעריבער דאַרף באַמערקט ווערן, אַז איינציקע מויערן און הייזער זיינען אָפּגעקויפט געוואָרן דורך זייערע פריערדיקע לאָקאַטאָרן, יידן און קריסטן, באַזונדער פון דער גאַנצער שטעטל).

עס איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ קאָמיטעט פון 5 פערזאָן מיטן רב בראָש, אויף וועלכע עס איז אַרויפגעלייגט געוואָרן די אַרבעט דורכצופירן די קניה. אין דעם 20-טן נאָוועמבער 1927 איז געשלאָסן געוואָרן דער ציוויליקער קאָנטראַקט מיטן פּריץ. דער ציוויליקער קאָנטראַקט איז



אויסגעשטעלט געוואָרן אויף די נעמען פון די 6 פערזאָן פון קאָמיטעט.

לויט דעם דאָזיקן קאָנטראַקט האָט מען 33 פּראָצ. פון דער סומע געדאַרפט איינצאָלן גלייך, און די איבעריקע געלט אין 3 ראַטעס: דעם 20-טן מערץ 1928 — 25 פּראָצ. פון דער סומע, דעם 20-טן יולי — 25 פּראָצ. און די איבעריקע 17 פּראָצ. דעם 20-טן נאָוועמבער 1928.

די שמחה אין שטעטל פון שליסן דעם קאָנטראַקט אויף דער קניה איז געווען אומגעהויערט. מען האָט געפילט, אַז מען ווערט מיטאַמאָל פּטור פון אַ שווערן יאָך, וואָס האָט אויף אַלעמען מוראדיק געדריקט. אַלעמען איז נאָך געווען פריש אין זכרון די מעשה מיט די 3 יידישע פאַמיליעס, וועלכע זיינען אַרויסגעוואָרפן געוואָרן פאַר עפּעס אַ מסירה פאַרן פּריץ פון זייערע וואוינונגען און האָבן געמוזט פאַרלאָזן דאָס שטעטל. דעריבער איז איינע פון די פאַמיליעס (פון געוועזענעם אַרענדאַר פון „פאַרוואַל“) אינגאַנצן צורואינירט געוואָרן און געקומען צו אַ זייער נידעריקער מדרגה. מען האָט געהאַט אַ געפיל, אַז מען ווערט באַפרייט פון אַ מין „קנעכטשאַפט“, אַז מען וועט פון איצט אָן קענען ביי זיך אין הויז זיך פרייער באַוועגן און טאָן וואָס מ'וויל.

די שמחה איז אָבער באַלד געדעמפּט געוואָרן. עס האָבן זיך אַרויסגעוויזן שוועריקייטן פון גאָר אַן אַנדער מין, דהיינו: געלט-שוועריקייטן. שוין ביים איינצאָלן די ערשטע ראַטע פון קרוב 3.000 דאָלאַר איז אַ טייל איינוואוינער אַרויסגעקומען שטאַרק זיך אָנצושטרענגען. איינציקע, למשל, האָבן געמוזט צו דעם צוועק פאַרקויפן זייער קי, וואָס אָן דעם איז דאָ שווער אויסצוקומען, אַנדערע האָבן געמוזט לייען געלט אויף זייער הויכע פּראָצענטן. די אויסזיכטן אויף צו שאַפן די צווייטע ראַטע אין דער גרויס פון איבער 2.000 דאָלאַר און אויך די ווייטערדיקע ראַטעס זיינען דעריבער געוואָרן ניט זיכער און זייער באַאומרואיקנד. ווייל, לויט דעם קאָנטראַקט, איז אין פאַל פון ניט איינצאָלן צום טערמין אַ ראַטע, ווערט בטל די קניה און עס גייט פאַרלאָרן דאָס גאַנצע געלט פון די פריער איינגעצאָלטע ראַטעס. און אויסער די 9.000 דאָלאַר פאַרן פּריץ האָבן די קונים געדאַרפט שאַפן נאָך אומגעפער אַ 1.200—1.300 דאָלאַר אויף דורכצופירן די אויסמעסטונגען, צונויפשטעלן די פּלענער און דעקן אַלע הוצאות פון מאַכן די „קופּטשעס“ (רעגיסטרונגס און קאָמונאַלע שטייערן, נאָטאַריעלע און היפּאָטעק-אָפּצאָלונגען א. אַנד.). אַלזאָ, צוזאַמען האָט דאָס שטעטעלע געדאַרפט שאַפן אין משך פון קנאַפּן יאָר איבער 10.000 (צען טויזנט) דאָלאַר אין מזומן, וואָס איז געווען גרעסער פאַר זיינע כוחות.

דער קאָמיטעט פון די 6 האָט דאַן גלייך באַשלאָסן זיך צו ווענדן צו די גרויסע יידישע געזעלשאַפטן („יק"א און „דזשוינט“) מיט אַ ביטע וועגן אַ הלוואה פאַרן שטעטל. די אונטערהאַנדלונגען מיט „יק"א“ זיינען געווען קורץ: באַלד האָט מען באַקומען אַ קאַטעגאָרישן אָפּזאָג. די אונטערהאַנדלונגען מיטן „דזשוינט“ האָבן אויך ניט געבראַכט קיין פּאָזיטיוון רעזולטאַט. קורץ פאַר דער צווייטער ראַטע האָבן פאַרשטייער פון קאָמיטעט דערלאַנגט אַ ביטע וועגן אַ הלוואה פּערזענלעך דעם „דזשוינט“-דירעקטאָר פאַר אייראָפּע, ה' בערנהאַרד קאַהן, ביי זיין באַזוך אין וואַרשע. אָבער האָבן פון אים קיין דעפיניטיוון ענטפער אויף זייער בקשה ניט באַקומען.

דערווייל איז אָנגעקומען דער טערמין פון די צאָלונגען פון דער צווייטער ראַטע. זי איז געשאַפן געוואָרן מיט די לעצטע אָנשטרענגונגען און





דורך אַ ממש מסירות-נפשדיקער אַרבעט פון די מער איבערגעגעבענע מיטגלידער פון קאָמיטעט.

גלייכצייטיק האָט דער קאָמיטעט פאַרדאָפּלט זיין טעטיקייט אין דער ריכטונג צו באַקומען אַ הלוואה. ער האָט אַנטוויקלט אַן אַגיטאַציע צווישן די וואָרניאַנער לאַנדסלייט אין אַמעריקע דורך פּריוואַטע בריוו און דורך דער פּרעסע („פאָרווערטס“), אַז זיי זאָלן פון זייער זייט מיטהעלפן אין דעם ענין פון דער הלוואה. אויך האָט זיך איינגעגעבן צו פאַראינטערעסירן מיט דעם די ווילנער געזעלשאַפטלעכע טוער. דעם צווייטן מעמאָראַנדום צום „דזשוינט“, צונויפגעשטעלט מיטן הסכם פון „יעקאָפּאָ“, האָבן אונטערגעשטיצט מיט זייערע אונטערשריפטן דער סיים-דעפּוטאַט ד"ר ווי-גאָדסקי, די סענאַטאָרן הרב רובינשטיין און ד"ר שאַבאַד און ה' משה שאַליט.

דער רעזולטאַט פון די השתדלותן איז געווען דער, אַז דעם 25-טן מאַי 1928 זיינען אָנגעקומען אין שטעטל דער דירעקטאָר פון „דזשוינט“ פאַר פּוילן ה' י. גיטערמאַן און דער גענעראַל-סעקרעטאַר פון „יעקאָפּאָ“ ה' משה שאַליט אויף אויסצופאָרשן די לאַגע אויף אָן אָרט. און דאָ אויף אָן אָרט האָבן זיי צוגעזאָגט אַ הלוואה פון 2.000 (צוויי טויזנט) דאָלאַר. די הלוואה איז נאָכדעם פאַרגרעסערט געוואָרן מיט נאָך 250 (צוויי הונדערט פופציק) דאָלאַר. די ערשטע 2.000 דאָלאַר זיינען באַשטימט געוואָרן אַלס הלוואה אויף די ראַטע-צאָלונגען. די סומע האָט באַטראָפן 50 פּראָצ. פון דער דריטער און פערטער ראַטע. די תוספה-הלוואה פון 250 דאָלאַר איז ספּעציעל באַשטימט געוואָרן אויף די קאָסטן פון די „קופּטשעס“. די באַדינגונגען פון דער הלוואה זיינען זייער לייכטע. זי ווערט אַרויסגעגעבן אין זלאָטעס, אויף וועקסלען, אונטערגעשריבן פון הלוואה-נעמער און זשירירט דורך די 6 מיטגלידער פון קאָמיטעט. די טערמינען פון אויסצאָלן איז פון 3 ביז 5 יאָר אין קליינע, האַלב- אָדער פערטל-יעריקע ראַטעס. דער פּראָצענט איז זייער אַ קליינער און באַטרעפט דורכשניטלעך בסך-הכל 2,6 (צוויי מיט זעקס צענטל) אַ יאָר. ער וועט קוים קלעקן אויף צו דעקן די הוצאות, וואָס „יעקאָפּאָ“, דורך וועלכער די הלוואה איז געגעבן, האָט געהאַט ביי איר דורכפירונג און וועלכע עס וועלן נאָך מוזן זיין ביים איינקאַסירן דאָס געלט אויף די וועקסלען.

די הלוואה האָבן באַקומען 34 לווים, און יעדערן איז באַשטימט געוואָרן אַ געוויסע סומע, וואָס ער האָט נאָך געהאַט צו צאָלן אין די לעצטע צוויי ראַטעס.

די באַדייטונג, וואָס די הלוואה האָט געהאַט פאַרן שטעטל, איז אין לשער. מען קען זיך גאָרניט פאָרשטעלן, צו וואָס פאַר אַ שווערע פאָלגן עס וואָלט דערפירט דאָס ניט דערפילן די געלט-התחייבותן לויטן קאָנטראַקט צום טערמין. עס איז זייער מעגלעך, אַז עס וואָלטן פאַרלאָרן געגאַנגען די איינגעצאָלטע אין די ערשטע צוויי ראַטעס איבער 5.000 דאָלאַר, און די יידישע באַפעלקערונג פון שטעטל, אָדער, לכל הפחות, דער גרעסטער טייל אירער, וועלכע וואָלט ניט געהאַט די מעגלעכקייט אָפּצוקויפן דאַן, נאָכן אָנווערן פון דעם ערשטן קאָנטראַקט, צום צווייטן מאָל זייערע הייזער, — און איצטער שוין צו אַ פיל העכערן פּרייז, — וואָלט געשטאַנען פאַר אַ סכנה אַרויסגעוואָרפן צו ווערן אויפן גאַס. אַלנפאַלס, וואָלטן פיל פון די קונים ניט געקענט בלייבן ביי זייער גאַנצער נחלה. ווייל, איידער עס איז באַוואוסט געוואָרן, אַז מען באַקומט אַ הלוואה, האָבן אַ טייל פון די קונים געפירט אונטערהאַנדלונגען וועגן פאַרקויפן זייערע גערטנער, כדי מען זאָל קענען

איינהאלטן די הייזער, אדער וועגן פארקויפן די הייזער, כדי מען זאל כאטש בלייבן ביי דער קרעם. בעלנים אויף דעם האבן זיך גלייך געמאלדן, אויב ניט פון די שטעטלשע יידן, איז פון די ארומיקע דארפישע איינוואוינער. איצט אבער האט יעדערער איינגעהאלטן דאס, אויף וואס ער, זיינע עלטערן און זיידעס זיינען געזעסן פיל צענדליקער יארן, און כאטש ביז איצט א פרעמדס, איז פון לאנגן זיצן אויף דעם און געוויינהייט געווארן טייער און ליב, ווי אן אייגענעס. אויסערדעם, מוז דא יעדער ייד האבן זיין גארטן, כדי ער זאל האבן קארטאפל און גרינסן אויפן גאנצן יאר און אויך כדי ער זאל קענען אויסהאלטן די קו, אויך מוז דא יעדער האבן זיינע פיר ווינקעלעך, ווייל דינגען דא א דירה איז אבסאלוט אוממעגלעך.

מערקווירדיק איז דאס, וואס נאך איידער עס זיינען געמאכט געווארן די „קופּטשעס“, נאר ווי נאר דער עולם האט דערפילט, אז די הייזער ווערן זייערע אייגענע, האט מען זיך גענומען מיט אלע כוחות, כאטש מען איז זייער פארדריקט אין געלט, צו פאררעכטן און רעמאנטירן, וויפיל עס לאזט זיך נאר, אזוי אז אפילו אויסערלעך באקומט דאס שטעטל מיט יעדן טאג א מער שענערן און אפגעפרישטן אויסזען.

.V

בנוגע דעם קולטורעלן און סאציאלן מצב פון שטעטל פילט זיך דא א גרויסע אפגעשטאנענקייט. מעגלעך, אז אין דעם איז ניט אזוי שולדיק די יידישע באפעלקערונג, ווי איר קליינע צאל. עס איז פארשטענדלעך, אז א קליינער יידישער קבוץ איז ניט אימשטאנד צו שאפן און אויסצוהאלטן די אלע קולטורעלע און סאציאלע אינסטיטוציעס און אנשטאלטן, ווי א גרעסערער קבוץ.

די ניט גענוגנדע צאל קינדער פון שול-עלטער, למשל, האט געמאכט פאר אוממעגלעך דאס עפענען דא פון א יידישער פאלקס-שול. די קינדער לערנען זיך צום גרעסטן טייל אין דער פוילישער „פאווישעכנע“, און נאר א קליינער טייל, דערהויפט יינגלעך, באזוכן א חדר. מיט אייניקע יאר צוריק האט דא די „החלוץ“-ארגאניזאציע געגרינדעט א ביבליאטעק מיט א היפשער צאל (אייניקע הונדערט) ביכער. אבער נאכן אפפארן פון די פירער פון „החלוץ“ אין ארץ-ישראל איז די ביבליאטעק איבערגעגאנגען אין פריוואטע הענט און האט פארלארן איר געזעלשאפטלעכן כאראקטער. ביכער ווערן ארויסגעגעבן, ווי פריער, אבער עס פעלן די כוחות, וועלכע פלעגן זארגן פאר דער אנטוויקלונג און פארגרעסערונג פון ביבליאטעק.

אין שטעטל איז ווייניק אנטוויקלט די געזעלשאפטלעכקייט, עס פעלן אויך אזוינע מוסדים ווי „בקור חולים“ אדער „לינת הצדק“. דא איז ניטא יענער טיפ פון געזעלשאפטלעכן טוער, קהלשן עסקן, וועלכן כמעט יעדער יידישער קבוץ פארמאגט און וועלכער דערוועקט און האלט אונטער אין זיין שטעטל די געזעלשאפטלעכע טעטיקייט.

צום שבח פון די היגע יידן מוז אבער באטאנט ווערן, אז דאס אויספעלן דא פון וואוילטעטיקע אנשטאלטן איז לחלוטין ניט קיין באווייז אויף דעם, אז זיי האבן בכלל פארמאכטע הענט. פארקערט, וואס עס איז נוגע דעם אזויגערופענעם ענין פון „צדקה“, קען מען צו די היגע יידן גארניט ניט האבן. בכבודיקע מקבלים און סתם ארימעלייט, וואס גייען דורך דאס שטעטל, בלייבן זייער צופרידן פון די היגע נדבות. לערך צו דער גרויס פון דער שטעטל מאכן זיי אויף באדייטנדע סכומים, כאטש אזעלכע דורכגייער און דורכפארער זיינען דא ניט קיין זעלטנהייט.



זייט צוויי יאר איז דא טעטיק א „גמילות-חסד“-קאסע, וועלכע איז געגרינדעט געווארן דורך „יעקאפא“. דער גמ"ח האט 64 מיטגלידער. הלוואות ווערן ארויסגעגעבן איינמאל אין וואך אלע זונטאג. די גרויס פון איין הלוואה איז פון 50 ביז 150 גילדן, אויף אויסצאלן ראטעסווייז. די קליינע הוצאות פון גמ"ח ווערן געדעקט פון מיטגלידס-אפצאל. די באדייטונג פון גמ"ח האט זיך געפילט באזונדערס שטארק, ווען דאס גאנצע שטעטל איז געווען פארדריקט אין געלט צוליבן אפקויפן פון שטעטל. ליידער, איז אבער די סומע, מיט וועלכע דער גמ"ח אפערירט, א קליינע, און ס'איז אויך ניטא קיין האפענונג, אז זי זאל אין דער נאענטסטער צייט קענען פארגרעסערט ווערן דורך שטעטלשע דעפאזיטן. עס וועט נאך געדויערן א פאר יאר, ביז וואנען דאס שטעטל וועט אויסצאלן די חובות, וואס זיינען פארבונדן מיטן אפקויפן פון די הייזער, און דורך דער גאנצער צייט איז אויסגעשלאסן א צופלוס פון דעפאזיטן אין דער גמ"ח-קאסע.

אין צוזאמענהאנג מיטן קולטורעלן מצב פון שטעטל, וועגן וועלכן עס איז גערעדט געווארן אין דעם קאפיטל, מוז נאך אנגעוויזן ווערן אויף דעם, אז די גאנצע היגע יוגנט, אויסער א 2—3 בחורימלעך, וועלכע געפינען זיך אין ישיבות, האט קיינמאל ניט פארלאזן דאס שטעטל צוליב בילדונגס-צוועקן, אדער כדי צו אויסלערנען אין שטאט א פאך וכדומה. נאך אין דער פריער יוגנט הייבט מען אן העלפן די עלטערן אין זייערע באשעפטיקונגען און טראגן מיט זיי צוגלייך דעם שווערן יאך פון פרנסה. און אזא צושטאנד האט בעלייגט זיין שטעמפל אויף דער היגער יוגנט, יינגלעך און מיידלעך, וועלכע זיינען פארברענט פון זון און ווינט, עטוואס פארגרעבט אין זייער אויסזען און טראגן אין די געזיכט-שטריכן א מין ערנסט, ניט נאך זייערע יארן. די קליידונג, בפרט וואס עס איז נוגע די יינגלעך, איז זייער איינפאך, און אלע זיינען ווייט פון נאכגעבן אדער פארצערטלען זיך.

.VI

צום סוף וויל איך נאך איבערגעבן עטלעכע מעשיות, וועלכע איך האב זיך דא אנגעהערט זייער פיל און וועלכע זיינען כאראקטעריסטיש פאר די באציאונגען, וועלכע האבן דא געהערשט צווישן פריץ, דעם ווירט פון די הייזער, און זיינע לאקאטארן.

אריינגייענדיק צום פריץ, פלעגט דער לאקאטאר זיינער מוזן קושן אים אין א האנט און אין א קני. ער פלעגט שוין אין אזא פאזע צום קושן אויסבעטן די דאזיקע אינטערעסאנטן זיינע: א פוס פארלייגט אויף א פוס און עטוואס אויסגעשטרעקט א האנט. אנהייבן אליין ריידן איז געווען שטרענג פארבאטן. מען פלעגט מוזן ווארטן אויף אן ערלויבניש פון פריץ צו ריידן. אמאל פלעגט ער לאזן שטיין אזוי דעם אינטערעסאנט א שווייגעדיקן א לאנגע צייט, אפטמאל פלעגט ער מאכן לאנגע פויזעס אין מיטן געשפרעך, באקלערנדיק דעם ענין, וועגן וועלכן עס האנדלט זיך. פאר זיך אין דער שטיל. דער לאקאטאר פלעגט מוזן שטיין די גאנצע צייט אין שווייגן, ניט איבערברעכן, חלילה, מיט איין ווארט דעם פריצס מחשבות. די ערשטע יארן פון דעם איצטיקן פריצס ממשלה פלעגט מען ריידנדיק ניט טארן שטיין נאענט צו אים און איינקוקן זיך אים אין געזיכט. ביי אים איז זאגאר געווען אזוי איינגעפירט: ער פלעגט אויפנעמען די אינטערעסאנטן, זיצנדיק צו זיי מיט דער פלייצע. פאר אים איז געשטאנען א גרויסער טרימא-שפיגל, אין וועלכן ער פלעגט קענען זען דעם אינטערעסאנט און אלע זיינע באוועגונגען. זעלבסטפארשטענדלעך, אז קיינער האט ניט געהאט די זכיה צו זיצן אין דעם פריצס געגנווארט. אויפנעמען פלעגט ער איינציקווייז. און פאר קיין פאל ניט צוויי אינטערעסאנטן, כאטש וועגן איין און דעמזעלבן ענין, מיטאמאל.





מיט דעם שפיגל איז איינמאל פארגעקומען אזא עפיזאד. צום פריץ איז געקומען א גרויסער וואלד-סוחר וועגן א וואלד-קניה. דער פריץ האט אים אויפגענומען ביים שפיגל, געווענדעט צו אים מיט דער פלייצע, און האט אים ניט געבעטן זיצן. דער סוחר האט ביי די ערשטע ווערטער גענומען גיין צוריק צום טיר. דער פריץ, באמערקנדיק עס אין שפיגל, האט געפרעגט, וואס באדייט עס, וואס דער סוחר גייט אוועק, ניט רעדנדיק אפילו וועגן געשעפט, וואס האט אים געבראכט אהער. דער סוחר האט געענטפערט, אז ער זעט פאר זיך ניט קיין מענטשן. „אבער איך זע דאך דיר אין שפיגל“— האט דער פריץ געזאגט. יא, האט דער סוחר געענטפערט, דו זעסט פאר זיך א מענטשן, איך זע אבער מער ניט, ווי אן אחור. ער איז אוועק, ניט מאכנדיק קיין געשעפט. פון דעמאלט אן, דערציילן די היגע איינוואוינער, האט דער פריץ אוועקגעווארפן די דאזיקע געוויינשאפט זיינע מיטן שפיגל.

אז א לאקאטאר פלעגט אים ברענגען דירה-געלט, פלעגט דעם פריצס ערשטע פראגע זיין: וויפל האסטו געבראכט? די סומע, וואס דער לאקאטאר האט געבראכט, פלעגט ער גלייך מוזן ארויסלייגן אויפן טיש, ערשט נאך דעם פלעגט זיך אנהייבן א דינגעניש וועגן דעם איבעריקן חוב. ווען דער לאקאטאר פלעגט מוזן גיין צוברענגען נאך געלט, פלעגט ער די שוין אפגעגעבענע סומע (עס פלעגט מעגן זיין כאטש ניט מער, ווי איין זלאטע), מוזן לאזן אויפן טיש. דער פריץ האט ניט געהאט קיין צוטרוי, אז דער לאקאטאר וועט קומען א צווייטן מאל, און ער האט ניט געוואלט פארלירן דאס, וואס ער האט שוין געהאט אין האנט.

אויסער די דירה-געלט, פלעגט די היגע איינוואוינער אויסקומען צו באגעגענען זיך מיט דעם פריץ אין אנגעלעגנהייטן פון פארשיידענע שטראפן פאר זייער פי, וואס איז פארנומען געווארן אין „היזק“, א. ד. ג. דא איז ער געווען שטרענג, און מען האט געמוזט צאלן, וואס ער האט געהייסן.

איין ייד האט מיר איבערגעגעבן, ווי עס איז צוגעגאנגען דאס איינצאלן דעם שטראף פאר זיינע א פארנומענע קו. די ערשטע פראגע דעם פריצס איז געווען, צי ווייס ניט דער ייד, צוליב וואס האט ער אים גערופן צו זיך. דער ייד האט געזאגט, אז ער ווייס ניט. דאן האט דער פריץ געפרעגט דעם יידן, אפשר ווייס ער, וואו געפינט זיך איצט זיין קו. דער ייד האט ווידער געענטפערט, אז ער ווייס ניט. דער פריץ האט דאן גענומען באשרייבן פארן יידן, ווי זיין קו שטייט איצט און בלאזט פון זיך כסדר: פפו, פפו, פפו. דער ייד איז געשטאנען א פארוואונדערטער, ניט באגרייפנדיק, וואס מיינט דער פריץ מיט דעם פפו, וועלכן ער האט א צייט לאנג פון זיך ארויסגעבלאזן, נאכמאכנדיק דעם יידנס קו. נאכדעם ערשט האט ער גענומען דערקלערן דעם פארבליפטן יידן, אז זיין קו בלאזט פון זיך, ערשטנס, צוליב גאוה, ווייל זי שטייט איצט אין א גאר הויכן ארט, אין דעם „אבארע“ פון דעם „יאסנע וועלמאזשני פאניע“, און, צווייטנס, ווייל עס פארכאפט איר דער אטעם פון דער פאטע סעטקייט, וועלכע זי האט אויף זיך צוגענומען ביי אים אין „היזק“. נאך דער „הקדמה“ האט ער געהייסן גלייך באצאלן אים 3 זלאטעס. אז דער ייד, ווירקליך אן ארימער, האט זיך געוואלט אפבעטן, האט אים דער פריץ אנגעוויזן, אז ער גייט אין גוטע שטיוול, און ווער עס וויל גיין אין גוטע שטיוול מוז ער זיין

ניט ערנסטלעך און פארנעמען דעם צווייטנס. אַז אין ריגע, אין ווילנע, האָט דער פריץ געזאָגט, האָב איך געזען מענטשן אויפן טראָטואַר באָרוועס. זיי גייען באָרוועס, ווייל זיי ווילן יענעמס ניט און ווילן ערנסטלעך דורכלעבן זייער וועלטל. דער ייד האָט געמוזט איינצאָלן די 3 זלאָטעס און באַפרייען זיין קי פון דער „בכבודיקער" אַבאַרע.

אַגרופן האָט מען אים געמוזט מיטן פולן טיטל: „יאַסנע וועלמאָזשנע פאַניע". פאַר „פאַנאַצקי", וועלכער פלעגט זיך אַמאָל אַרויסכאַפּן אין ריידן ביי אַ ייד אָדער אַ יידענע, פלעגט ער ווערן מלא חימה, און ער פלעגט אין כעס אויסשרייען: „אַ יינגעלע בין איך דיר, וואָס דו רופסט מיך פאַנאַצקי".

אין אַלגעמיין איז דער פריץ אַ זקן אין די 80-ער, אַ זעלטענער טיפּ. ער פאַרברענגט דעם גרעסטן טייל פון יאָר אין איסלאַנד, אָדער אין פוילן, אין ווילנע אָדער וואַרשע. די צייט אָבער, וואָס ער געפינט זיך דאָ, וואוינט ער אין אַן ענגע, שרעקלעך אָפּגעלאָזענע דירה. שלאָפן שלאָפט ער אויף דער ערד, אויף אַ גרויסן שטרויענעם „סעניק". ווען אַ לאָקאַטאָר זיינער פלעגט זיך פאַר אים באַקלאָגן אויף זיין וואוינונג, פלעגט דער פריץ אים זאָגן: זע, קוק זיך איין, ווי איך, אַייער פריץ, וואוין. ניט בעסער, און פילייכט נאָך ערגער, ווי דו.

פאָרן פון באַן פאָרט ער אויף אַ ספּעציעלן, פאַר די דאָזיקע רייזעס זיינע, איינגעריכטעטן וואָגן, אָן אָנגעפּאַקטן פול מיט שטרוי. די רעדער פון וואָגן זיינען משונה גרויס, הויך און ברייט, און לאָזן אויפן וועג אַ באַזונדערן, קאַנטיקן „סליאַד". סיי זומער און סיי ווינטער, אין אַ זוניקן אָדער פאַרוואָלקנטן טאָג, מעג זיין אַ ווינט, אַ רעגן, אַ שניי, אָדער אַ שטילער מהיהדיקער וועטער, איז שטענדיק אין וואָגן איבער זיין קאָפּ פונאַנדערגעעפנט אַ גרויסער שירם.

אין געלט-ענינים איז זיין אויפפירונג אויך מאָדנע. עס טרעפט, אַז ער גיט דעם טעלעגראַמען-טרעגער, וועלכער האָט אים געבראַכט אַ דעפּעשע, אַ גאַנצן הויפן געלט, ניט ציילנדיק, וויפל ער האָט אַרויסגענומען פון קעשענע, אַלס „טיי-געלט". ער קען אָבער אַמאָל אויך פאַרשליסן ביי זיך אין דעם וועג-קעסטל אַ קאָטלעט, וועלכער איז געבליבן פון מיטאָג און וועלכן מען געפינט נאָכדעם אין אַ צייט אַרום אַ פאַרשימלטן און פאַרפוילטן.

איך וויל פאַרענדיקן מיט איבערגעבן אַ פאַקט, וואָס האָט ניט קיין שייכות צום איצטיקן פריץ, אָבער וועלכער באַווייזט, ווי וויט די יידן, היגע איינוואוינער, זיינען געווען פאַרשקלאַפט ביי זייערע פריצים. די מעשה איז פאָרגעקומען מער ווי מיט 30 יאָר צוריק, ווען דאָס שטעטל האָט געהערט צו די אָטעצימסקים (צו וועמען זי איז איבערגאַנגען פון די סניאַדעצקים), אין הויף איז דעמאָלט געזעסן זייער אַ פאַרוואַלטער, אייגנטלעך ניט קיין שלעכטער מענטש, נאָר זייער אַ האַנאָראָווער און וועמען די קלענסטע זאַך איז געווען עלול אַריינצוברענגען אין אַ מוראדיקן כעס.

דער ייד, מיט וועמען די מעשה האָט פּאַסירט, איז דאַן געווען אַ יונגערמאַן, און ער האָט געהאַט אַ פרוי מיט 2 קליינע קינדערלעך. זיין געשעפט איז געווען קצבות. איינמאָל, אין אַ האַרבסט-אָוונט, ווען ער איז געווען אַלס מחותן אויף אַ חתונה פון זיינעם אַ קרוב אין שטעטל, איז מען געקומען אים רופן אין הויף. דער שליח האָט געזאָגט, אַז אין הויף איז געפאַלן אַ פערד, און אַז דער פאַרוואַלטער רופט אים. ער זאָל קומען אָראָפּשינדן די פעל. דער ייד האָט געבעטן דעם שליח איבערגעבן דעם פאַרוואַלטער, אַז ער קען איצט ניט



קומען, און אַז מאָרגן פרי וועט ער ערפילן דעם פאַרוואַלטערס פאַרלאַנג. דער שליח איז אַוועק. אָבער אין אַ האַלבע שעה אַרום איז געקומען אַ צווייטער שליח מיט אַ „פּריקאַז" גלייך צו קומען אין הויף. דער ייד איז ניט ווילנדיק אַוועק. אַז ער איז אַריין צום פאַרוואַלטער, האָט דער לעצטער, ניט ריידנדיק קיין וואָרט, מכבד געווען אים מיט צוויי פייערדיקע פעטש, פון וועלכע דעם יידן איז פינסטער געוואָרן אין די אויגן, און ער האָט אים דורכגעטריבן. קומענדיק אַהיים האָט ער געטראָפן, אַז פון זיין דירה איז לויט אַ באַפעל פון הויף אַרויסגענומען געוואָרן די פענסטער און טירן. דער ייד האָט געמוזט נעמען זיינע 2 קליינע קינדער, וועלכע זיינען שוין געשלאָפן, און גיין זוכן אַן אָרט צום איבערנעכטיקן.

דער ייד איז דעמאָלט געווען נאָך גאָר אַ יונגער מאַן, דערצו אַ היציקער פון נאַטור, און, ווי ער האָט מיר איבערגעגעבן, האָט אים די גאַנצע נאַכט געקאָכט די האַרץ און ער האָט זיך ניט געקענט איינשטילן. ביי אים איז געווען רעכט צו פאַרלאָזן דאָס שטעטל און גיין זוכן אַן אַנדער אָרט אויף צו באַזעצן זיך. נאָר אויף מאָרגן פרי האָט זיין פאָטער, און אויך די אייגענע פרוי, גענומען אים איינריידן און צושטיין צו אים, ער זאָל גיין איבערבעטן דעם פריץ. ער האָט געמוזט זיי פאָלגן. ער איז אַריין צום פאַרוואַלטער, אים אַ קוש געטאָן אין האַנט און געבעטן ער זאָל אים דערלאָזן אָפּשינדן דעם פערד. וועגן די פעטש האָט ער מיט איין וואָרט ניט דערמאָנט. דער פאַרוואַלטער האָט אים געשיקט צו דעם געפאַלענעם פערד און האָט אים געהייסן קומען נאָך געצאָלט. ער האָט אָפּגעטאָן די אַרבעט, באַקומען אַ רובל מיט 50 קאָפּיקעס און אויסערדעם האָט אים דער פאַרוואַלטער צוגעשיקט אַלס מתנה אַ טון קאַרטאָפל און אויך אַ ביסל קאָרן. אויך זיינען צוריק אַריינגעשטעלט געוואָרן די פענסטער און טירן, און דער ייד האָט זיך געקענט אַריינקלייבן צו זיך אין דירה.

אומקערנדיק זיך צום איצטיקן פריץ, דאַרף מען קאָנסטאַטירן, אַז אין הלכות דירה-געלט האָט ער ווייניק וואָס געדריקט זיינע לאָקאַטאָרן און אַז ער איז בכלל געווען גאָר ניט קיין שלעכטער מענטש, פון וועלכן זיינע שכנים-יידן זיינען אפילו אָפטמאָל געווען צופרידן.

אָט זיינען אַ פּאָר עפּיזאָדן:

עס קומט די צייט, ווען מען דאַרף אַריינטראָגן די האַלב-יעריקע ראַטע דירה-געלט. עס גייט אַריין צום פריץ אַ געדריקטער ייד, זיינער אַ לאָקאַטאָר. ער קושט ביים פריץ די האַנט און עס אַנטוויקלט זיך צווישן זיי אַזאַ געשפרעך:

**דער ייד**. יאַסנע וועלמאָזשנע פאַניע, איך דאַרף אַריינטראָגן דעם פריץ 40 גילדן דירה-געלט פאַר אַ האַלבן יאָר. וואָס זאָל איך אָבער טאָן, פריצל, אַז איך האָב ניט, אַז איך בין אַן אָרעמאַן, אַז איך פאַרדין ניט אַ גראָשן און האָב ניט קיין ברויט אין שטוב.

**דער פריץ**. אַז דו ביסט אַזאַ אָרעמאַן און דו פאַרדינסט דאָ גאָרניט, טאָ למאַי דאַרפסטו זיצן אין וואָרניאַן? פאָר בעסער אַרויס אין וואַרשע אָדער פּאַריז. איך קום אָקאָרשט פון דאָרטן. עס זיינען זייער שיינע שטעט, און דאָרטן איז גוט און פריילעך צו לעבן. איך וועל דיר געבן פורן פאַר דיר און דיין פאַמיליע אין זאַבן ביזן באַן.



**דער ייד**. פריצל, אָבער וואָס וועל איך דאָרטן טאָן, אַז אפילו דאָ, אין דער קליין שטעטעלע בין איך אַן אָרעמאַן און האָב ניט קיין גראָשן געלט ביי דער נשמה!

**דער פריץ**. ביזטו טאַקי אַזאַ גרויסער אָרעמאַן, ווי דו זאָגסט? טאָ גיב מיר דערווייל אויף דירה-געלט כאָטש 20 גילדן.

**דער ייד**. פריצל, אַז איך האָב דאָך געזאָגט, אַז איך האָב גאָרניט.

**דער פריץ**. וואָס הייסט, גאָרניט? גיב 10 גילדן.

**דער ייד**. פריצל, אַז איך האָב אַזויפיל אויך ניט.

**דער פריץ**. אַזוי, הייסט דאָס, אַז דו ווילסט גאָרניט צאָלן? זאָג מיר נאָר אָקאָרשט, אין וועמעס דירה וואוינסטו?

**דער ייד**. וואָס הייסט, אין וועמעס? איך וואוין דאָך אין הויז פון יאַסנע וועלמאָזשנע פאַניע.

**דער פריץ**. אַזוי, ווייסטו, אַז דו וואוינסט אין מיינע אַ דירה? אויף אַזאַ אופן, מוזטו מיר צאָלן דירה-געלט. גיי און ברענג מיר שוין 5 גילדן.

דער ייד גייט אַוועק און קומט צוריק אין אַ פּאָר שעה אַרום מיט 5 גילדן, וועלכע ער האָט געקריגן ערגעץ לייען.

דער פריץ נעמט צו די 5 גילדן, גיט אים אַרויס אַ קוויטונג, אַז ער האָט דערהאַלטן די דירה-געלט פאַר אַ האַלבן יאָר און גיט אים נאָך אַרויס אַ צעטל צום „ליעסניטשי" אויף צו באַקומען אומזיסט 3 וועגן האָלץ אין זיין וואַלד.

אין אַ צווייטן פאַל, ווען אַן אַנדער ייד האָט ניט געקענט איינצאָלן די ראַטע דירה-געלט, האָט אים דער פריץ באַפוילן פאָרן אין ווילנע און ברענגען פאַר אים פון דאָרט 3 לייטענע קריגעלעך. די פור אין ווילנע האָט געגעבן דער פריץ, און דער ייד האָט מיט די 3 לייטענע קריגעלעך ערלעדיקט די ראַטע-צאָלונג.

אין אַ דריטן פאַל, ווען אַן אַלמנה, וועלנדיק באַקומען אַ הנחה אויף די דירה-געלט, האָט זיך באַקלאָגט פאַרן פריץ אויף איר אָרימקייט און אָנגעוויזן אויף די צעריסענע שיך, וועלכע זי טראָגט, האָט דער פריץ, נאָכדעם ווי ער האָט דערהאַלטן פון איר די סומע, וועלכע ער האָט פאַר איר באַשטימט, אַרויסגעגעבן איר פון דעם געלט $1\frac{1}{2}$ גילדן אויף צו פאַרריכטן די שיך.

דערציילנדיק מיר די געשיכטעס, האָט דער עלטער אָרימער ייד מיט אַ קרעכץ צוגעגעבן: „האָט דאָס געלוינט די גאַנצע מעשה מיטן קויפן דאָס שטעטל און אַרויסנעמען אויף זיך אַזעלכע שוועריקייטן? צי איז פריער ניט געווען בעסער, ווען איך בין געזעסן אין אַ דירה און פאַר איר כמעט גאָרניט געצאָלט?"

דער עלטער אָבער איז אין דעם פרט אַ יחיד. דאָס גאַנצע שטעטל האָט וועגן דעם אַ פאַרקערטע מיינונג. בפרט נאָך, אַז דער פריץ האָט מיט קיינעם פון שטעטל זיך ניט מישב געווען, צי פאַרקויפן אָדער ניט פאַרקויפן דאָס שטעטל.

**שלום כהן**

אוגוסט, 1928

# נאוואָגרודאָק

## (די וואָיעוואָדישע שטאָט).

נאוואגרודאק געהערט צו די עלטסטע שטעט פון פוילן; זי איז געגרינדעט געווארן אין XI-יאר-הונדערט (1044). נאוואגרודאק איז נאכדעם הרוב געווארן דורך די טאטארן און ווערט ערשט אויפגעבויט דורך מענדאגן. געדימין און וויטאלד בויען די שטאט ווייטער: וויטאלד האט אויפגעבויט דעם שלאס, פון וועלכן עס זיינען נאך איצט אויך דא די רואינעס.

איר גרעסטן אויפבלי האט דערגרייכט נאוואגרודאק אין XV און XVI יארהונדערט. אין 1511 באקומט נאוואגרודאק פון קייזער זיגמונט די מאגדעבורגער רעכט. פון יאר 1585 ביז 1775 איז נאוואגרודאק דער זיץ-ארט פון טריבונאל-געריכט. פון יאר 1775 הייבט אן נאוואגרודאק צו פאלן.

אין דער צייט פון פאר דער מלחמה, איז נאוואגרודאק דערגאנגען צו א צושטאנד פון א קליינער „אויעזדנער" שטעטל, ניט האבנדיק קיין באן און אפילו קיין שאסיי.

נאוואגרודאק הייבט אן ווידער אויפצולעבן, ווען די פאלאקן פארנעמען די שטאט אין יאר 1920 און שאפן דא דעם צענטר פון וואיעוואדשאפט און געריכט, א דאנק וועלכע די שטאט פראגרעסירט פון יאר צו יאר אלץ מער *).

די נאוואגרודקער, אדער, ווי מען רופט דא, די נאווארעדקער איינוואוינער קענען ווירקלעך ווי געהעריק אפשאצן דעם מאמענט פון וואיעוואדסטווע, און ווען עס האט זיך א פאר מאל אויפגעהויבן די פראגע וועגן איבערטראגן דעם זיץ-ארט פון וואיעוואדסטווע אין אן אנדער שכנותדיקער שטאט, אדער וועגן איר איינגאנצן סקאסירן, האבן זיי זיך מיט אלע מיטלען באמיט צו פארהאלטן איר דא — און דאס איז זיי טאקע געלונגען: אין יאר 1925, ווען אינערן-מיניסטער איז געווען ראטשקעוויטש, איז די פראגע וועגן אריבערטראגן דעם צענטער פון וואיעוואדסטווע געשטאנען גאנץ שארף, א דאנק אבער די באמיאונגען פון דער גאנצער באפעלקערונג, אן אונטערשייד פון נאציאנאליטעט און קלאס, האט זיך איינגעגעבן צו ווירקן, אז די וואיעוואדסטווע זאל בלייבן אין נאוואגרודאק.

אויסערלעך מאכט נאוואגרודאק ניט קיין שלעכטן איינדרוק.

עטלעכע קילאמעטער נאך איידער מען פארט צו צו נאוואגרודאק, זעט מען שוין פון דערווייטנס די רויטע דעכער און קוימענס פון די העכערע בנינים. זומערצייט האט די שטעטל פון דערווייטנס א פרעכטיקן אויסזען: די גאנצע שטעטל ליגט אויף א הויכן בארג, וואס טיילט זיך אויס פון דער ארומיקער געגנט, און איז איינגאנצן אזוי ווי פארטרונקען אין גרינס פון סעדער און ביימער. די געאגראפישע הויך, אויף וועלכער נאוואגרודאק געפינט זיך, איז בכלל זייער א מערקווירדיקע: עס איז גענוג צו זאגן, אז די באן-סטאנציע, נאוואיעלניא, וואס איז ווייט פון נאוואגרודאק 21 קילאמעטער, ליגט נידעריקער פון נאוואגרודאק אויף 188 מעטער (אין פארגלייך מיטן ים-פלאך). דער לעצטער אומשטאנד ווירקט אויך באדייטנד אויף דעם קלימאט פון נאוואגרודאק: דער ווינטער איז דא שטענדיק מיט 1 ביז 2 גראד קעלטער, ווי אין די שכנותדיקע געגנטן. דער פרי דאס-גלייכן ליגט באדייטנד שפעטער, אפילו די שניטצייט קומט דא אן אויף עטלעכע קילאמעטער ארום מיט א וואך — 10 טעג שפעטער, ווי אין די ווייטערדיקע געגנטן *).

גלייך, ווי איר פארט אריין אין נאוואגרודאק, פאלט איר ארונטער דעם איינדרוק, אז די קליינע שטעטל, וואס גיט דעם נאמען פאר דער גאנצער וואיעוואדשאפט, טיילט זיך אויס פון די ארומיקע קליינע שטעטלעך.

פונקט אין מיטן שטאט געפינט זיך דער מארק-פלאץ, ארום וועלכן ס'איז דער הויפט-שפאציר-ארט פון דער ארטיקער באפעלקערונג. אין מיטן מארק געפינט זיך זייער אן אריגינעלער און אן אלטער בנין פון די קראמען מיט קאלאנאדן ארום, וועלכער דערמאנט טיילווייז די קראקעווער „סוקיעניצע". פון מארק גייען זיך פונאנדער די הויפט-גאסן פון שטאט אין פארשיידענע ריכטונגען. ווען איר גייט דורך די גאסן, באמערקט איר פונדאמענטאלע בנינים, וועלכע באווייזן, אז איר געפינט זיך אין אן אלטער, אלטער שטאט. עס זיינען דא נאך געבליבן עטלעכע בנינים פון די אמאליקע „קלאסטערן", וועלכע נאוואגרודאק האט אמאל געציילט ביז 9. אזוי זעט איר באלד אויף קארעליטשער גאס אן אלטן בנין — דאס איז די געוועזענע קאלעגיע פון יעזואיטן אויפגעבויט אין יאר 1626. איצט געפינט זיך דא דער מאגיסטראט און די רעגירונגס-גימנאזיע. דער בנין, וואו עס געפינט זיך איצט דער אמט פון וואיעוואדשאפט, איז אמאל געווען א „קלאסטער" פון די „דאמיניקאנער". די אנטשפרעכנדע נעמען טראגן נאך ביז היינט די גאסן און געסלעך, וואס ליגן נאענט צו די דערמאנטע בנינים: דאמיניקאנער געסל, באזיליאנער גאס, אוניצקע געסל. עס איז אויך כדאי צו דערמאנען וועגן דעם מענדאגס-בארג, וואו לויט דער לעגענדע איז באגראבן



נאוואָגרודאָק — דער שלאָס-באַרג



נאוואָגרודאָק — דער שלאָס-באַרג

*) די דייטשן אין דער צייט פון אקופאציע האבן אויסגעבויט אין נאוואגרודאק אן עלעקטרישע סטאנציע און א קליינבאן.

*) זייער אינטערעסאנט איז דא זיך אפצושטעלן אויף דעם געזונט און עלטער פון די נאוואגרודקער יידן. הגם דאס וואסער פון נאוואגרודאק און אין אלגעמיינעם דער קלימאט — ווי עס ערקלערן אייניקע דאקטוירים — איז ניט קיין געזונטער, דאך באמערקט זיך אן ערשיינונג, אז דא דערלעבן די יידן ביז א טיפן עלטער. א ייד פון 70 יאר רעכנט זיך דא נאך פאר א כענטשן פון די מיטעלע יארן. אין מושב זקנים איז פארהאן א ייד פון 108 יאר. אליין זאגט ער, אז אים גייט דער 8-טער יאר (די הונדערט רעכנט ער ניט). דאס איז אפשר צו דערקלערן מיטן רואיקן ארט לעבן אין נאוואגרודאק.

געווארן מענראַג א זיצעריקער אויף א גאלדענעם שטול. דער באַרג איז זייער פארלאָזן, אויף אים געפינט זיך איצט אַן אַלטער קריסטלעכער „צמענ-טאַש". מען רופט אין אַלגעמיין באַמערקן, אַז אין הינדיכט פון אַהיסן און רעסטאַווירן די אַלטערטימלעכקייטן איז אין נאַוואָגרודאָק זייער ווייניק אויפגעטאָן געוואָרן. עס איז פארלאָזן דער שלאָס-בנין מיט די רואינען: די אַרבעט, וועלכע מען האָט אָנגעהויבן אַרום זיין רעסטאַווירונג, איז איצט אָפּגעשטעלט. אויך זיינען ניטאָ קיינע אויסערלעכע סמנים, וועלכע זאָלן באַווייזן, אַז דאָ איז געבאָרן און ערצויגן געוואָרן מיצקעוויטש.


נאַוואָגרודאָק — אַלגעמיינער בליק אויף דער שטאָט

זיין געוועזענע הויז געפינט זיך אין פריוואַטע הענט, און עס פעלן אפילו די געהעריקע אויס-שריפטן, אַז דאָ האָט פאַרבראַכט זיינע יוגנט-יאָרן און זיך געלערנט דער גרעסטער פוילישער דיכ-טער.

די לעצטע יאָרן, דאַנק די באַמיאונגען פון וואָיעוואָדע בעטשקאָוויטש, איז נאַוואָגרודאָק גע-בראַכט געוואָרן מער אין אָרדענונג און באַקומט אַ מער אייראָפּעאישן אויסזען: עס זיינען אומעטום געלייגט געוואָרן צעמענטענע טראָטואַרן, עס איז אויסגעבויט געוואָרן אַ נייע „עלעקטראָווניע", עס בויט זיך אַ טעאַטער, און נאָך פיל מלוכה- און פריוואַטע בנינים.

נאַוואָגרודאָק אָבער וועט זיך ניט קענען אַנט-וויקלען, כל-זמן זי וועט ניט האָבן קיין באַן. עס קען זיך ניט אַנטוויקלען קיין שום נאָרמאַלער האַנדל, קיין שום אינדוסטריע אָן אַ באַן. אמת, די קאָמוניקאַציע מיט דער באַן-סטאַנציע, נאָוואָ-יעלניאַ, איז דורך אויטאָס און קליינבאַן אַ גאַנץ גוטע, אָבער קיין באַן קען דאָס דאָך ניט פאַר-בייטן.

יידן וואוינען אין נאַוואָגרודאָק שוין זייער לאַנג. די יידישע קהלה אין נאָווגאָרודאָק איז איינע פון די עלטסטע, און יידן ווערן שוין דער-מאָנט אין אַ דאָקומענט פון יאָר 1484 און 1529 *).

פון יידישע אַלטערטימלעכקייטן איז פאַרבליבן אין נאַוואָגרודאָק די גרויסע שול, וועלכע איז געבויט געוואָרן מיט אַן ערך 400—500 יאָר צוריק.

דאָס יידישע נאַוואָגרודאָק שפילט נאָך אַ גרוי-סע ראָלע אין XVIII און XIX יאָרהונדערט. פיל פון די רבנים, וועלכע זיינען געווען אין

*) ז. „נאָוואָרעדאָק" פון אַלכּסנדר האַרקאַווי, ניו-יאָרק 1921, זייט 14 און די „יעווּר. ענצ." באַנד XI, ז. 757.



נאַוואָגרודאָק, האָבן געהאַט אַ וועלט-נאָמען: ר' דודל, ר' אַלעקסאַנדער זיסקינד (ר' זיסעלע), ר' יצחק אלחנן, ר' ברוך-מרדכי ליפשיץ, ר' יחיאל מיכאל עפּשטיין.

פון די באַלעבאַטישע פאַמיליעס, וועלכע האָבן אַמאָל געשפּילט אַ גרויסע ראָלע, זיינען געווען די פאַמיליעס קאַבאַק און האַרקאַווי. אויפן נאָמען פון דעם לעצטן איז נאָך ביז היינטיקן טאָג דאָ אַ קלויז, וועלכע הייסט „האַרקאַוועס קלויז" *).

איצט איז נאַוואָגרודאָק אַ קליין שטעטל, וועלכע איז ווייט אָפּגעשטאַנען פון די אַרומיקע יידישע שטעט. און נאָר דער גרויסער אומבאַוועג-לעכער פאַרמעגן, וועלכער געהערט פאַרשיידענע געזעלשאַפטן און אינסטיטוציעס און וועלכער איז נאָך ביז היינטיקן טאָג דער באַזיץ פון עקסיסטענץ פון די געזעלשאַפטן, דערמאָנט וועגן דער אַמאָ-ליקער גרויסקייט פון נאַוואָגרודאָק. און די טראַ-דיציע — קלערן וועגן קהלשע זאַכן — און אָפּ-


נאַוואָגרודאָק — די גרויסע שול

שרייבן פאַר קהלשע אינסטיטוציעס אומבאַוועגלעכע גיטער — קראָמען, הייזער — איז נאָך איצט זייער

*) פון נאָווגאָרודאָק שטאַמען פיל באַוואוס-טע יידישע פערזענלעכקייטן, ווי: ד"ר פּראָפ. א. א. האַרקאַווי, אלכּסנדר האַרקאַווי, דבורה ראָם, נחמן צבי געצאָוו א. א., און פון די יינגע-רע — דער קינסטלער מ. לייבאָוויסקי א. א.





שטאַרק אין נאַוואָגרודאָק, און איך רעכן, אַז אין דער הינזיכט פאַרנעמט נאַוואָגרודאָק דעם ערשטן אָרט.

די באַפעלקערונג פון נאַוואָגרודאָק באַשטייט פון פּאָלאַקן, ווייסרוסן, יידן און טאַטאַרן. די אַלגעמיינע צאָל פון דער באַ-פעלקערונג איז שווער פעסטצושטעלן, ווייל זי האָט זיך לעצטנס שטאַרק געהויבן. אין אַלגעמיין דאַרף מען רעכענען די אַלגעמיינע צאָל פון 8.000 ביז 9.000, אין דעם 4.000 נפשות אָדער 800 פאַ-מיליעס יידישע, ד. ה. ביז 50 פּראָצ.

[ריידנדיק וועגן נאַוואָגרודקער יידן, וועט זיין ניט איבעריק צו דערמאָנען וועגן יידן אין נאַוואָ-גרודקער געגנט — איך מיין די „ישובניקעס": אין דער צייט פון פאַר דער מלחמה איז נאַוואָגרוד-קער געגנט געווען זייער רייך אין יידישע ישובים. כמעט אין יעדן דאָרף פלעגט זיך געפינען איינע ביז עטלעכע פאַמיליעס. זייער באַשעפטיקונג איז געווען פאַרשידן: אַ גאַנץ גרויסער טייל האָט גע-פאַכטעט (אַרענדירט) ביי פּריצים מילן און אויך גיטער — דאָס זיינען דאָס רוב געווען רייכע „ישובניקעס"; אַ טייל פלעגן „האַלטן פּאַכטן"-ד. ה. — אויסאַרבעטונג פון „האָלענדער"- און „שווייצער"-קעז. אַ גרויסער טייל פון זיי פלעגן האַלטן קליינע קרעמלעך און גלייכצייטיק פאַרנע-מען זיך מיט ערד-אַרבעט אויף ערד, וואָס זיי פלעגן פּאַכטן פון זייערע קריסטלעכע שכנים. אין דער צייט פון מלחמה און אויך שפּעטער איז דער גרעסטער טייל פון די נאַוואָגרודקער „ישוב-ניקעס", צוליב דעם געשאַפענעם פאַר זיי עקאָ-נאָמישן קריזיס אין דאָרף, צופאָרן אין די אַרו-מיקע שטעטלעך. די ישובניקעס, וואָס זיינען גע-בליבן אין דאָרף, זיינען דאָס רוב פּאַכטער אָדער באַזיצער פון מילן און זיינען גאַנץ פאַרמעגלעך. זיי שיקן זייערע קינדער לערנען אין די שטאָטישע שולן.]

עקאָנאָמיש איז נאַוואָגרודאָק פון דער מלחמה ניט שטאַרק רואינירט געוואָרן. דאָ זיינען ניטאָ קיין גרויסע גבירים, איבערהויפּט אויסגעקומענע-

ווי איר קענט טרעפן אין די אַרומיקע שטעט (באַראַנאָוויטש, סלאָנים, לידע). אָבער קיין באַזונ-דערע אָרעמקייט איז דאָ אויך ניטאָ. פאַר דער מלחמה האָט די יידישע באַפעלקערונג אין נאַוואָ-גרודאָק געלעבט פון האַנדל, איבערהויפּט מיט די פּריצים. איצט האָט זיך די לאַגע געביטן. 2 מאָל אין וואָך קומען פאַר מערק — און דער קאָנסומענט — דער פּויער בילדעט דעם הויפּט-קונה. אַ גרויסע

ראליע שפילט דא אויך די וואיעוואודסטווע און דער קרייז־געריכט. שוין ניט ריידנדיק וועגן דעם, אז פאר אזא קליין שטעטל האט א גרויסע ווירקונג דער ששארקער צוזלוס פון פערזאנען, וועלכע קומען צוליב פארשיידענע אנגעלעגנהייטן אין נאוואגרודאק אלס זיץ־ארט פון וואיעוואודסטווע, פארנעמט אויך א וויכטיקן ארט דער פאקט, וואס די אנגעשטעלטע־באאמטע לאזן איבער זייער גאנצן געהאלט אין נאוואגרודאק. דער 1־טער פון יעדן מאנאט, ווען די באאמטע באקומען געלט, האט א גרויסע ווירקונג אין לעבן פון נאוואגרודאק — די קרעמער און בעלי־מלאכות זיינען פארנומען מיט איינמאנען געלט אין די טעג. נאך דעם 1־טן מאכט מען אונטערנעמונגען און מען קלייבט וואכער.

קיין אינדוסטריע האט ניט נאוואגרודאק. ס'זיינען נאר דא 2 פאבריקן פון צעמענטענע אויסארבעטונגען (איינע געהערט צום „סימיק"), א מיל און א קליין־פאבריק פון זייף. ציגעל, וואס עס פארערט זיך דא איצט זייער פיל, ווערט אויך געבראכט פון אנדערע שטעט. די ערשיינונג, וואס די אינדוסטריע איז דא זייער ווייניק אנטוויקלט, ערקלערט זיך טיילווייז מיט דעם, וואס נאוואגרודאק האט ניט קיין באן און ניט קיין טייך. קיין אונטערנעמונגען פון האלץ־אינדוסטריע (טארטאק) פארמאגט נאוואגרודאק גאר ניט צוליב דער אויבנאנגערופענער סיבה, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואס נאוואגרודקער געגנט איז גאנץ רייך אין וועלדער.

דער גרעסטער טייל פון נאוואגרודקער באפעלקערונג פארנעמט זיך מיט קרעמעריי און מסחר: פון 30—40 סוחרים און ביז 270 קליינהענדלער. דא איז אנטוויקלט דער מסחר פון תבואה, וועלכער ווערט דא געפירט אויף פאלגנדן אופן: דער גרויסער תבואה־סוחר („אויף וואגאנעס" — אזוינע זיינען דא נאר עטלעכע) גיט יעדן מארק־טאג געלט פארשיידענע קלענערע הענדלער, און יענע קויפן אויף א גאנצן טאג פאר זיינע געלט ביי די פויערים פארשיידענע מינים תבואה, און אין אוונט

אדער אין א פאר טעג ארום גיבן זיי איבער די תבואה דעם סוחר, וועלכער שטעלט זיי פאראויס א מקח, וואס ער וועט זיי צאלן. געוויינלעך שטעלן שוין די קלענערע הענדלער אין מארק א קלענערן מקח פאר די תבואה, וואס זיי קויפן, כדי זיי זאלן קענען פארדינען.

יידישע האנטווערקער זיינען דא אין נאוואגרודאק ביז 250—300, ערד־ארבעטער ארום 40—50 און 1 ייד. פאליציאנט.

צווישן די האנטווערקער פארנעמען דעם ערשטן ארט: שוסטער, שניידער, כשאליארעס, בעקער*).

א גרויסע ווירקונג אין עקאנאמישן לעבן פון די נאוואגרודקער יידן שפילן די 2 יידישע בענק: די האנטווערקער־ און קליינהענדלער־באנק און די סוחרים־באנק. דערהויפט איז גרויס די באדייטונג פון דער האנטווערקער־ און קליינהענדלער־באנק, וועלכע עקסיסטירט פון יאר 1922 און ציילט ביז 540 מיטגלידער.

עס איז געווען א פרוב פון געוויסע פוילישע גרופירונגען צו שאפן ספעציעלע בענק און געשעפטן, כדי אויסצומיידן די יידן, אָבער עס האט זיך ניט איינגעגעבן.

אין קולטורעלער הינזיכט שטעלט מיט זיך ניט פאר נאוואגרודאק קיין באזונדער אינטערעסאנטעס. דאס אלטע נאוואגרודאק לעבט אין בית־מדרש, וואו יעדן אוונט קלייבן זיך צונויף חברות — 2 חברות ש"ס, משניות, עין־יעקב — און מען לערנט. עס עקזיסטירט אויסער דעם א ישיבה אונטער דער

אנפירונג פון הרב אבאוויטש, אָבער קיין באזונדערס גרויסן ארט פארנעמט זי ניט. לעצטנס זיינען דא פרובן אויפצושטעלן די אמאליקע ישיבה פון באוואוסטן ר' אייזיק־יצחק (יוזל), וועמעס נאמען עס טראגן פיל ישיבות אין פוילן. דעם גרויסן געמויערטן בנין פון דער אמאליקער ישיבה פארנעמט איצט די פאליציישע שולע.

שוואך אנטוויקלט איז די תלמוד־תורה. דער פרוב צו שאפן א מאדערנע תלמוד־תורה — „בית־הספר" — דורך די היגע „מזרחי" האט זיך ניט איינגעגעבן.

די מאדערנע שטרעבונגען זיינען רעפרעזענטירט דורך די העברעאיסטן און יידישיסטן. די ערשטע האלטן אויס א 7־קלאסיקע תרבות־שול מיט א גן־ילדים. די צאל שילער דערגרייכט ביז 150 אין שול און 30 אין גן. גרעסטנטיילס קינדער פון מיטעלן קלאס. די מער פארמעגלעכע און דיפלאמירטע אינטעליגענץ גיבן אפ זייערע קינדער אין די פוילישע רעגירונגס־גימנאזיעס, וואו אגב־אורחא מען נעמט אָן יידן אָן באזונדערע באגרענעצונגען און שוועריקייטן: אזוי איז פארן פון דער אלגעמיינער צאל שילער 510 ביז 110—115 יידישע. א טייל יידן שיקן אויך זייערע קינדער אין דער פוילישער „פאווסעכנא" (פאלקסשול)*).

די ארטיקע אפטיילונג פון יש"א איז ניט טעטיק. עס איז געווען א פרוב צו שאפן א שול, איין יאר האט עקסיסטירט א קינדער־גארטן — אָבער ווייטער איז דאס ניט געגאנגען. די אנהענגער פון יידישער וועלטלעכער קולטור גרופירן זיך ארום דער ביבליאטעק. עס עקסיסטירט אויך א באזונדערע ביבליאטעק ביים פראפעסיאנעלן פאראיין.

א באזונדערע אויפמערקזאמקייט פארדינט אין נאוואגרודאק דער געזעלשאפטלעכער מאמענט, צוליב זיין אייגנארטיקייט: ווען א פרעמדער מענטש קומט אין נאוואגרודאק, ווערט ער פארוואונדערט, געפינענדיק אין אזא פארהעלטניסמעסיק קליינער שטעטל אזא גרויסע צאל אנשטאלטן. דא געפינט איר, חוץ די שוין אויבנאנגערופענע קאאפעראטיווע פאלקסבענק און שולן, א יידישן שפיטאל — „הקדש", מושב־זקנים, יתומים־הויז, „שוקדי־מלאכה" (וועלכע עקסיסטירט מער ווי 50 יאר און האט אויפגעהאדעוועט דורות האנטווערקער). די אלע אינסטיטוציעס באדינען הויפטזעכלעך די ארעמיקע



נאוואגרודאק — מיצקעוויטש־הויז



די אזיערע סוויטעזש צווישן נאוואגרודאק און האראדישטש (באזונגען דורך מיצקעוויטשן)

*) פון די איבעריקע באשעפטיקונגען איז בראי צו דערמאנען: פאכטעריי — איבערהויפט אויספארפאכטונג פון קעז, מילכעריי; דער צאפליקער מסחר מיט מצה איז פארשוואונדן.

*) אין די ווייסרוסישע גימנאזיע שיקן איצט יידן ניט זייערע קינדער.

שטעטלעך און די יידישע ישובים אין די דערפער. אויסער דעם עקסיסטירט דאָ „טאַז", אַ „גמילת-חסד", ביבליאָטעק, פריין שבועים, הכנסת אורחים *).

נאָך מער וואונדערט מען זיך, ווען מען דערוויסט זיך וויפיל אומבאַוועגלעכע גיטער עס פאַרמאָגן די אינסטיטוציעס. אַזוי למשל דער הקדש-שפּיטאָל האָט אַ פאַרמעגן פון צענדליקער געמויערטע קראָמען, מויערן אין נאָוואָגרודאָק און זאָגאַר אין ווילנע. דאָס איז אַלץ אין משך פון לאַנגע דורות אָנגעקליבן געוואָרן. ווי איך האָב באַמערקט לעבט די טראַדיציע נאָך זייער שטאַרק אין נאָוואָגרודאָק. אויך איצט באַמיט זיך יעדערער צו לאָזן אַ זכר נאָך זיך, אָפּשרייבנדיק פאַר קהל — דער אָדער יענער אינסטיטוציע — אַ שטוב, אַ טייל שטוב, פּלאַץ אָדער אַ קראָם.

דאָ איז פאַראַן 1 גרויסע אַלטע שול; בית-המדרש און 13 קלויזן.

אָבער די מאָדערנע פאָרמען פון יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן זיינען נאָך ווייניק אַריינגעדרונגען אין נאָוואָגרודאָק. שוואַך איז דאָ אויך דער פּאַרטיי-לעבן.

דער גאַנצער געזעלשאַפטלעכער לעבן קאָנצענטרירט זיך נאָר אין די אויבנדערמאָנטע געזעלשאַפטן, וואו עס קומט אויך פאָר גאַנץ אָפט אַ ליידנשאַפטלעכער קאַמף צווישן פאָרשטייער פון פאַרשיידענע אידעאָלאָגיעס פאַר די ווירקונג.

אַ גרויסע ראָלע שפּילן דאָ די ווירטשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס: האַנטווערקער-פאַראיין, סוחרים-פאַראיין. דער לעצטנס געגרינדעטער קליינהענדלער-פאַראיין איז נאָך גאַנץ שוואַך. זייער שטאַרק דיסציפּלינירט זיינען די האַנטווערקער, אָבער צום באַדויערן אינטערעסירן זיי זיך נאָר מיט זייערע גאַנץ באַגרענעצטע פראַגן, וועלכע האָבן אַ שייכות צו זייער פאַך, ווי רעגיסטראַציע, פּאַטענטן א. א. וו. לעצטנס האָט זיך פון זיי אָפּגעטיילט אַ קליינע גרופּע, וועלכע האָבן זיך אָנגערופן „אומפּאַרטייאישע האַנטווערקער". אַקטיוו טרעטן אַרויס די האַנטווערקער נאָר אין דער צייט פון וואַלן.

---

אָבער איבער אַלץ האָט געשוועבט די לעצטע יאָרן אין נאָוואָגרודאָק די רבנים-פראַגע, וועלכע האָט אַרויסגערופן זייער פיל מחלוקת און פאַרשאַפט פיל בייז בלוט.

דער נאָוואָגרודקער כסא-הרבנות האָט געהערט צו די וויכטיקסטע אין דעם געוועזענעם רוסלאַנד. ס'איז גענוג צו דערמאָנען, אַז צווישן די רבנים פון נאָוואָגרודאָק — ווי איך האָב שוין דערמאָנט — זיינען געווען: ר' דוד בר' משה („ר' דודל" — 1794—1837) ר' אַלעקסאַנדער זיסקינד, ר' יצחק אלחנן, ר' ברוך-מרדכי ליפשיץ, ר' יחיאל-מיכאל הלוי עפּשטיין. דער לעצטער האָט מיט זיך געשלאָסן די רבנות פון נאָוואָגרודאָק פון XIX יאָרהונדערט. ער איז געשטאָרבן אין תרס"ח (1908) **).

אַ לענגערע צייט איז דער כסא הרבנות אין נאָוואָגרודאָק ניט געווען באַזעצט און אויף דעם באָדן האָבן זיך פונאַנדערגעפלאַקערט זייער שטאַרקע מחלוקות. עס פעלט שוין דער געהעריקער

*) זייער אינטערעסאַנט איז די חברה קדישא: זי באַשטייט אייגנטלעך פון 3 חברות: 1) גבאים, 2) חברה מתעסקים (וועלכע פאַרנעמען זיך מיט די מתים) און 3) חברה טרעגער. די לעצטע האָבן אַ באַזונדערע שול.

**) ז. „נאַוואַרעדאַק" פון אַלעקסאַנדער האַרקאַווי, ניו-יאָרק 1921 ז' 25—31.



אויטאָריטעט. עס פירט זיך אַ פאַרביסענער קאַמף צווישן די אָנהענגער פון נאָוואָגרודקער ישיבה (אָנהענגער פון ראש-הישיבה ר' יוזל-מוסרניקעס) און די קעגנער. עס איז באַוואוסט די געשיכטע, ווען דער „סאָווריקער" ז"ל האָט געמוזט פאַרלאָזן — אַנטלויפן פון נאָוואָגרודאָק צוליב די פאַרפאָלגונגען פון די אָנהענגער פון דער ישיבה.

אין יאָר 1912 ווערט רב אין נאָוואָגרודאָק הרב קראַקאָווסקי (דער איצטיקער ווילנער שטאָט-מגיד).

אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע האָבן זיך צונויפגעקליבן און פאַרבליבן אין נאָוואָגרודאָק פיל רבנים פון די אַרומיקע שטעטלעך, צווישן זיי געפינט זיך אויך דער רב פון לובטש הרב מאיר אַבאָוויטש. אין יאָר 1918 פאָרט אַרויס הרב קראַקאָווסקי אין ווילנע. אין יאָר 1919 קומען פאָר וואַלן צו דער קהילה, הרב אַבאָוויטש ווערט אויסגעקליבן אַלס וויצע-פאָרזיצער פון קהילה, און אַלס אַן ענערגישער טוער נעמט ער דעם גרעסטן אָנטייל אין דער גאַנצער אַרבעט פון קהילה. אויף דעם באָדן הייבן זיך אָן רייבונגען — אַ טייל שטאָט וואָלט געוואָלט אויף דעם פּאָסטן פון רב זען הרב מאיר אַבאָוויטשן. עס ווערט אָבער צוזאַמענגעשטעלט אין שטאָט, דורך נאָוואַרעדקער יידן, אַ כתב און עס ווערט איינגעלאַדן אין יאָר 1922 אין נאָוואָגרודאָק אַלס רב הרב מאיר מאיראָוויטש, וועלכער איז ביז דאַן געווען רב אין סווענציאַן.

דערווייל ענדיקט זיך די „גאָלדענע עפּאָכע" פון די אַמעריקאַנער געלט; די קהילה הייבט זיך אָן פונאַנדערצופאַלן, עס שאַפט זיך אַ געזעלשאַפטלעכע רעאַקציע, און דער גאַנצער אינטערעס פון שטאָט קאָנצענטרירט זיך אַרום דער רבנים-פראַגע. עס בילדן זיך אויס צוויי צדדים: אַ צד פון הרב מאיראָוויטש און אַ צד פון הרב אַבאָוויטש, וועלכע ווילן מיט אַלע מעגלעכקייטן באַקעמפן איינע די צווייטע. עס ווערט איבערגעטראָגן די רבנים-פראַגע אין אַזעלכע זאַכן, וועלכע האָבן גאָר קיין שייכות ניט געהאַט צו די רבנים. דער אָפיציעלער רב פון שטאָט ווערט הרב מאיראָוויטש, אים האָבן געשטיצט די האַנטווערקער און אַ גרויסער טייל פון די בעלי-בתים פון שטאָט. הרב אַבאָוויטש האָט געהאַט זיינע אָנהענגער איבערהויפּט צווישן די איינוואוינער פון שלאָס-גאַס, קאַרעליטשער גאַס, סיניעושיצער גאַס, און „שטרענגע אָרטאָדאָקסן און חסידים". די שחיטה איז געווען אונטערגעוואָרפן הרב מאיראָוויטשן, נאָר עס איז געווען אַ שוחט, וועלכן עס האָבן אויסגעשריבן און געשטיצט די אָנהענגער פון הרב אַבאָוויטש — ער פלעגט קוילען נאָר עופות. דעם רב מאיראָוויטש האָט מען גערופן „שטאָטישער" אָדער „סווענציאַנער", דעם רב אַבאָוויטש — „ליובטשער רב".

איך האָב זיך אָפּטמאָל פאַרקלערט, וועלכע סיבות ליגן אין דער ערשיינונג, וואָס האָט אַרויסגערופן אַזאַ פאַרביטערונג און האָט פאַרשאַפט אַזוי ווייניק כבוד ווי די רבנים, אַזוי אויך דער יידישער באַפעלקערונג פון נאָוואָגרודאָק.

אייניקע האָבן זיך באַמיט אָנצווייזן, אַז דאָ קומט פאָר אַ קאַמף צווישן „רעאַקציע" און „פּראָגרעס". אין דער ווירקלעכקייט האָבן ביידע רבנים געהערט צו „מזרחי". עס איז שווער צו זאָגן, צו דער אָדער יענער רב איז געווען אַ קעמפער פאַר „פּראָגרעסיווע אידעען".

עס איז אויך שווער צו זאָגן, אַז דער אָדער יענער רב האָט רעפּרעזענטירט באַזונדערע סאָציאַלע גרופּירונגען פון דער יידישער באַפעלקערונג. אמת, די האַנטווערקער האָבן מער געשטיצט דעם רב מאיראָוויטש, אָבער אים האָבן אויך געשטיצט





פיל אָנגעזעענע בעלי-בתים. עס קומט אויס אַלזאָ צו זוכן די סיבה ערגעץ אַנדערש, און לויט מיין מיינונג קען מען דאָס טיילווייז ערקלערן מיט פאָלגנדעס:

אין נאָוואָגרודאָק האָבן אין XIX יאָרהונדערט געשפּילט זייער אַן אָנגעזעענע ראָלע בכבודיקע פאַמיליעס. דאָס זיינען געווען גבירים, משכילים, וועלכע האָבן זיך שטאַרק פאַרנומען מיט געזעלשאַפטלעכע אַרבעט. אַ לעבעדיקע אָנדענקונג פון זייער טעטיקייט, ווי איך האָב שוין באַמערקט, בילדן די פיל בנינים און אומבאַוועגלעכע גיטער, וועלכע געהערן צו פאַרשיידענע אַנשטאַלטן. שוין פאַר דער מלחמה הייבט אָן צו פאַרשווינדן דער טיפּ און אין די מלחמה-יאָרן פאַרשווינדט ער אינגאַנצן. עס הייבן זיך אָן צו באַווייזן גרופּירונגען (סוחרים, האַנטווערקער) מיט נייע פּערזאָנען — און עס הייבט זיך אָן דער קאַמף פאַר דער מאַכט אויף דער יידישער גאַס. צום אָנהויב דריקט זיך דאָס אויס — אין די יאָרן 1915—1921 — אין קאַמף אַרום געזעלשאַפטלעכע אַרבעט — איבערהויפּט, ווען עס באַקומט זיך די אַמעריקאַנער געלט. נאָכדעם, ווי די קהילה גייט אַרונטער אויף דעם הינטערגרונט — געפינט דער קאַמף זיין אויסדרוק אין די צדדים-פראַגע. יעדער צד וויל פאַרכאַפּן וואָס מער אַנשטאַלטן און באַקומען וואָס מער ווירקונג. יעדער צד, פּערזאָנען ווילן אויסנוצן זייער „רב". עס פאַרגעסן זיך פּרינציפּן און גאָר פּאַרטיי-לייט (ציונים), ווען עס גייט וועגן אַ „צד".

אָפּטמאָל האָט דאָ דער קאַמף אָנגענומען ניט קיין דערלאָזבאַרע פאָרמען. דער קאַמף שאַפט אָנהענגער און קעגנער. נאָוואָגרודקער פּלעגן זיך פאַרענטפערן, אַז נאָר די „רבנים"-פראַגע האָט אַריינגעטראָגן אַזאַ פאַרביטערונג אין די קעגנזייטיקע באַציאונגען.

אַלנפאַלס האָט די הערשנדע שטימונג געמאַכט זייער אַ שווערן איינדרוק. אַנשטאָט אַ פּרינציפּיעלן קאַמף, אַנשטאָט צו באַקעמפן דעם אָדער יענעם געדאַנק, איז די גאַנצע פראַגע קאָנצענטרירט געוואָרן אַרום די „צדדים". און זייער אָפט האָט זיך געדוכט, אַז דאָ איז עפּעס אַנדערש און מען מיינט ניט די רבנים. עס איז געווען גענוג, אַז אָנהענגער פון איין צד זאָלן מאַכן אַ פאָרשלאָג, כדי דער אַנדערער צד זאָל אים מיט אַלע מעגלעכקייטן באַקעמפן *).

אַזאַ לאַגע איז געווען ביז די וואַלן צו דער קהילה, וועלכע זיינען פאָרגעקומען דעם 24-טן יוני 1928 יאָר און עס האָט זיך אָנגעהויבן שאַפן דער געדאַנק, אַז עס מוז נעמען אַ סוף צו דעם מצב, וועלכער איז געוואָרן באמת אומדערטרעגלעך — וואָס האָט געטריבן דערצו? מעגלעך, אַז ביידע צדדים זיינען אויסגעמאַטערט געוואָרן פון פרוכטלאָזן קאַמף, קיין סוף פון וועלכן מען האָט ניט געקענט פאָראויסזען. מעגלעך, אַז דאָס איז געווען אַ מורא פאַר די רעזולטאַטן פון די וואַלן: „פאַרט געהיימע וואַלן". די שטימונגען האָבן זיך די לעצטע יאָרן אַ וואַקל געטאָן. אויסערדעם האָט געהאַלטן ביי געשאַפן ווערן אַ פאָרמעלע קהילה — און דאָ האָט געקענט פאָרקומען אַ קאַמף, פאַר וועלכן ביידע צדדים האָבן געהאַט מורא. ווי דאָס זאָל ניט זיין, איז פאַר די וואַלן פאָרגעקומען אַ באַראַטונג, וואו עס זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן די כללים פון פאַראייניקונג.

נאָך אַ לאַנגן דינגען זיך פון די פאָרשטייער

*) ביי די נאָוואָגרודקער איז דאָס געוואָרן אַ חולאַת — אַ מאַניע, אַ פּסיכאָז: אומעטום צו זען נאָר אַ צד, און מיט קיין זאַך האָט מען זיי ניט געקענט אָפּשרעקן — נאָר מיט אַ „צד".

פון די צדדים איז צוזאמענגעשטעלט געווארן פאלגנדער אקט *):

„פּראָטאָ-כאָל פון דער געמיינזאמער זיצונג פון ביידע צדדים וועגן ענין הרבנות אין נאוואגרודאק.

אנוועזנד באפולמעכטיקטע פון הרב מאיראָ-וויטש — ה"ה בנימין-חיים גארדאן, גרשון זוס-קינד, ברוך פיקעלני און יעקב לובטשאנסקי. באַ-פולמעכטיקטע פון הרב אבאָוויטש—ה"ה אהרן אב-ראמאוויטש, יעקב אייזיקאוויטש, רפאל קאמעניעצקי און מאיר אייכער.

עס ווערט געוויילט אלס פארזיצער ה' יעקב לובטשאנסקי, וועלכער נעמט אויף פון ביידע צדדים זייערע שריפטלעכע באפולמעכטיקונגען און לייגט פאר די צדדים ארויסזאגן זאכלעך זייערע פאדערונגען און וואונשן, באריקזיכטנדיק, אז די הויפט-שטרעבונג דארף זיין די גאנצקייט און פרידן פון שטאט.

## החלטות.

1. נאכן דיסקוטירן אלע אנגעווייטאגטע פראגן זאגן אלע ארויס זייער באדויערונג אויף דער געשאפענער לאגע, וואס נאווארעדאק האט זיך צוטיילט און צוריסן צוליב די שאלת הרבנות, און עס איז אנגענומען געווארן פה-אחד, אז אין נאווארעדאק טאר און דארף מער ניט זיין, ווי איין רב, אזוי, ווי ס'איז געווען איינגעפירט ביז אונזער דור. אבער נעמענדיק אין אכט די געשא-פענע לאגע, און שטרעבנדיק צונויפצובינדן אלע טיילן פון שטאט אין איין גאנצע — ווערט בא-שלאסן — אז אין פאל פון באפרייאונג דורך ווער-מען ניט איז פון די רבנים זיין באזיק-ארט זאל מער ניט פארבלייבן אלס רב נאר דער איינער, וועלכער וועט פארבלייבן, און דאס זאל דינען אלס חוק ולא יעבור פאר אלעמען, אבער לעת-עתה זאלן דורך דער קהילה אויסגעהאלטן ווערן ביידע רבנים — הרב מאיראָוויטש און הרב אבאָ-וויטש.

2. הרב מאיראָוויטש ווערט אנערקענט אלס רב ראשי ורשמי און זיין אונטערשריפט זאל זיין אב בית-דין, און הרב אבאָוויטש זאל זיך אונטער-שרייבן רב בנאווארעדאק.

3. די ניי-געוויילטע קהילה, אויסער אירע אלע תקנות בעניני הרבנות כמו סכירות און אנ-דערע תיקונים, איז מחויב צו שאפן א בית-דין-שטוב, וועלכע זאל זיין באקוועם פאר ביידע רבנים. פארלויפיק, ביז דער קאנסטרואירונג פו דער נייער קהילה דארף הרב אבאָוויטש אנטייל-נעמען אין ענינים כלליים און וויכטיקע דיני-תורה, צו וועלכע ער וועט גערופן ווערן און פארקומען אין צייטווייליקן לאקאל פון קהילה.

4. אלע איבעריקע פראגן זאלן ערליידיקט ווערן דורך דער קהילה מיט דער הילף און אר-בעט פון ביידע רבנים.

5. פון די אלע ביז-איצט אנגענומענע ליס-טעס צו דער קהילה דארפן זיך צונויפבלאקירן לויט דעם וואונטש און מיטארבעט פון ביידע גע-וועזענע צדדים און רבנים צו ווירקן צו א פרוכט-באַרע, געמיינזאמע ארבעט לטובת די פאדערונגען פון די פראדיציאנעלע, נאציאנאלע יידישע גע-מיינדע אין נאווארעדאק".

אונטערגעשריבן:

יעקב לובטשאנסקי, יעקב אייזיקאוויטש, ברוך פיקעלני, אהרן אבראמאוויטש, מאיר אייכער, רפאל קאמענעצקי, בנימין-חיים גארדאן.

*) איבערגעגעבן בוכשטעבלעך.

נאכדעם איז פארגעקומען א פייערונג אין לאַ-קאל פון קהילה, וואו צום ערשטן מאל האבן זיך באגעגנט ביידע רבנים—מאיראָוויטש און אבאָוויטש.

זייער כאראקטעריסטיש זיינען די איינלאדונגען אויף דער פייערונג, וועלכע זיינען פונאנדערגע-שיקט געווארן:

ח. ה.

דערמיט ווערט איר געבעטן צו קומען היינט דעם 20|VI 9 אזייגער
אין אוונט, אין לאקאל פון קהלה, ווו ס'וועט פארקומען

די פייערלעכע

פראקלאמירונג פון שלום אין שטאט

אין נאמען פון פאראייניקטן קאמיטעט
פארזיצער (—) י. לובטשאנסקי

נאכן שליסן דעם אפמאך *) האבן איי‌ניקע ליסטעס, וועלכע זיינען דערלאנגט געווארן, זיך פאראייניקט: 1) אחדות (אנהענגער פון הרב אבאָ-וויטש), 2) חברא קדישא (אנהענגער פון הרב מאיראָוויטש), 3) ציוני״ב, 4) האנטווערקער און 5) סוחרים.

„אחדות" האט צוזאמענגעקליבן 125 שטימען אין דורכגעפירט 2: א. קאמעניעצקין און מ. שי-מאנאָוויטשן; „חברה קדישא" — 115 און אויך 2: ב. ח. גארדאן און מ. בראלניצקי; ציונים 72 (מיט ווסיעלוב 97) און דורכגעפירט 1 — אדוואקאט י. זעלדאָוויטש, וועלכער איז נאכדעם אויסגעקליבן געווארן אלס פארזיצער פון קהילה; האנטווערקער 103 שטימען אויך 2: י. לובטשאנסקי און י. טשיזש; פראגרעסיווער בלאָק (אנהענגער פון יידישער וועלטלעכער קולטור) 1 — א. גומענער.

*) ווי מען גיט מיר איבער פון די אנהענגער פון „ליובטשער צד" הרב אבאָוויטש, איז די פאָר-מולירונג „רב ראשי ורשמי" געמאכט געווארן נאכ-דעם, ווי מען איז געקומען צום שלום — און דע-ריבער האט דאס אונטערשרייבן דעם אפמאך ארויס-גערופן פיל רייבונגען.

די נייע קהלה-פארוואלטונג איז שוין צוגע-טראטן צו איר ארבעט. עס איז פארשוואונדן דאס אלטע נאוואגרודאק מיט זיינע גרויסע רבנים, למדנים, משכילים, גבירים-בעלי-בתים. ווי א מע-טעאר איז דורך דער שטורמישער יאר 1905. די מלחמה און די נאך-מלחמה-יארן האבן א סך גע-ענדערט אין נאוואגרודאק און האבן ארויסגערופן א ריי ניט קיין נארמאלע ערשיינונגען *). עס בויט זיך איצט א נייע קהילה. צי וועלן די נייע פער-זאנען, וועלכע שטעלן זיך בראש פון דער יידי-שער געזעלשאפטלעכער ארבעט אין נאוואגרודאק זיין מסוגל צו שאפן א נייעם מאדערנעם נאוואָ-גרודאק — איז שווער צו זאגן. דאס וועט בא-ווייזן די צוקונפט.

**א. גומענער.**

אויגוסט, 1928.

*) דא איז כדאי זיך אפצושטעלן אויף א פאר פאקטן פון צופאלונג (אין א געוויסער מאס) פון פאמיליען-לעבן, אלס א רעזולטאט פון די מלחמה- און נאך-מלחמה-יארן — אן ערשיינונג, וועלכע נעמט אן א גאנץ עפנטלעכע פארם און וועלכע האט געבראכט שוין צו פראגעדיעס אין איי‌ניקע אנגעזעענע פאמיליעס.

# ז ש ע ט ל

(אמאָל און איצט).

פוילישDzięcioł —, ווייסרוסיש—Здзяцял, רוסיש—Дятлово.

דער נאמען לויט דער ארטיקער לעגענדע, שטאמט דערפון, וואס דער ערשטער פויגל, וועלכן דער ערשטער באזיצער פון זשעטל האט דא גע-פונען, איז געווען — א פיקהאלץ (dzięcioł, дзяцял, дятел).

זשעטל געפינט זיך 12 קילאמעטער פון דער באן-סטאנציע נאוועילניע, מיט וועלכער זי קאָ-מוניקירט זיך דורך 2 אויטאבוסן, וואס קורסירן 2 מאל אדער אויך דריי מאל אין מעת-לעת צווישן זשעטל און נאוועילניע איבערן שאסיי. דער שאסיי ציט זיך פון נאווארעדאק (נאוואגרודאק) דורך זשעטל, דערעטשין, זעלווע, וואלקאָוויסק, ביאליסטאק, ווארשע ביז דער דייטשער גרעניץ. זשעטל ליגט אין א מרחק: 45 קילאמעטער פון סלאָנים צו צפון; 55 קילאמעטער פון בארענאָ-וויטש — צו צפון-מערב, פון מזרח זיינען קיין גרעסערע נעענטערע שטעט ניטא; צפון-מזרחדיק — אין א מרחק פון 35 קילאמעטער ליגט נאווארע-דאק; 50 קילאמעטער אין צפון ליגט לידע. צו מערב זיינען קיין נאענטע גרעסערע צענטערס ניטא. 12 מייל צו מערב איז וואלקאָוויסק און 16 מייל צו צפון-מערב — גראָדנע. דער נאענט-סטער גרעסערער טייך — דער ניעמאן — איז 20 קילאמעטער צו צפון פון זשעטל. דאס שטעטל שניידן דורך צוויי קליינע טייכלעך: די זשעטלקע (Dzięciołka) און די פאמערייקע, וועלכע גיסט זיך אריין הינטער זשעטל אין דער זשעטלקע.

### 1. דאָס אַמאָליקע זשעטל.

פון די דאקומענטן, וואס געפינען זיך אין פוילישן נאציאנאלן מוזיי אין גראָדנע, דערוויסן

מיר זיך, אז אין יאר 1498 האט דער ליטווישער גרויספירשט אלעקסאנדער יאגעלאנטשיק דורך א פריווילעגיע פון 6-טן יוני געגעבן דעם פירשט קאנסטאנטי אסטראגסקי דאס רעכט צו גרינדן דא א שטאט. אזוי, אז פון דעם אנגעוויזענעם יאר רעכנט זשעטל איר עקסיסטענץ אלס שטאט. שפעטער איז זשעטל איבערגעגאנגען צו די ראדזיווילס, דערנאך צו די סאפיעהאס. א לאטיינישע אויפשריפט אויפן זשעטלער קאשציאל לויטעט: אז דער קאשציאל איז אויפגעבויט געווארן אין יאר 1646 דורכן קאנצעלאריוס פון כלאביס, ליטוויש גרויספירשטנטום, פירשט קאזימירוס לעא סאפיעהא. צו דער זעלבער צייט רעכנט מען אויך צו דעם „ריאד״-קראמען, געמויערטע, וועלכע ציען זיך לענג אויס פון קאשציאל און בילדן די מערב-וואנט פון געמויערטן צאם ארום איס. די לעצטע פריוואטע באזיצער פון זשעטל איז געווען די פאמיליע סאלטאן. נאכן פוילישן אויפשטאנד פון יאר 1831 איז דער באזיצער פון שטעטל ארעם סאלטאן אנטלאפן, און דאס שטעטל מיטן גאנצן ערד-באזיץ פון די סאלטאנס, וואס האבן זיך געצויגן צענדליקער ווייארסטן-ווייט ארום זשעטל, איז אריבער צו דער מלוכה. אלס זכר פון די אמאליקע מאגנאטישע באזיצער פון זשעטל איז אין שטעטל אויף דער זשעטלקע פארבליבן א פאלאץ מיטן הערב פון די סאלטאנס אויף די קארניזן. איבער דער זשעטלקע, ביז דער דייטשער אקופאציע אין יאר 1915, זיינען נאך געווען רעשטלעך פון אן אמאליקן הויב-בריק, וואס האט געפירט אין פאלאץ, אין גוס, פון וועלכן זשעטל האט זיך אייגנטלעך אנגעהויבן. פון שטעטל אין הויף האט געפירט פאר דער מלחמה אן אלעיע פון אורהאלטע ברייטשטאמיקע, פרעכטיקע טאפאל-ביימער. די דייטשן האבן זיי אויסגעשניטן ביז איינעם. דער גאנצער ערד-באזיץ ארום זשעטל פון די אמאליקע זשעטלער מאגנאטן איז איצט פארצעלירט. אין פאלאץ איז פאר דער מלחמה געווען א רוסישע לערער-סעמינאר פאר פאלקס-שולן. איצט איז אין פאלאץ א פוילישע פראפעסיאנעלע שול פאר מיידלעך-יתומות.

---

דער איינציקער שפור פון דער יידישער גאר-אמאליקער זשעטל איז דער אלטער בית-עלמין אויפן שול-הויף. קיין שום שריפטלעכער אנדענק פון יענער זשעטל איז ניטא. אויפן אלטן בית-עלמין זיינען די אויפשריפטן אויף די מצבות פולשטענדיק פארווישט. פון נייעם בית-עלמין איז פאראן א פנקס, וועלכער הויבט זיך אן פון תק״ח. פון די בתי-מדרשים איז קיין פנקס ניטא. אלטע לייט דערציילן, אז אויפן ארט פון איצטיקן אלטן בית-המדרש איז אמאל געווען דעם רבס הילצערנע שטוב. אט די שטוב איז מיט א יאר הונדערט צוריק איבערגעבויט געווארן אין א מויערנעם בית-המדרש. צו דעם „אלטן״ איבער א פאליש איז דערנאך אויסגעבויט געווארן דער „מיטעלער״ בית-המדרש, עטלעכע טריט פון בנין פון אט די צוויי בתי-מדרשים, אין איין ליניע, האבן מיט א יאר 70 צוריק די זשעטלער בעלי-מלאכות אויסגעבויט דעם נייעם בית-המדרש. הינטער די בתי-מדרשים אויף יענער זייט פאמערייקע, וואס פליסט הארט ביי זיי, שטייט די געמויערטע „חסידארניע״—חסידים-שטיבל. אויפן שול-הויף איז אמאל אויך געשטאנען די אלטע שול, וועלכע איז מיט א יאר 55 צוריק פארברענט געווארן בעת דער „גרויסער״ שרפה, ווען עס איז, מיט קליינע אויסנאמען, פארברענט געווארן דאס גאנצע שטעטל.

די אלטע זשעטל האט געשמט מיט אירע תלמידי-חכמים און גרויסע רבנים.



מיט בערך 200 יאר צוריק איז אין זשעטל געווען רב דער גאון ר׳ חיים בר׳ שמחה הכהן ראפאפארט, וועלכער איז פון זשעטל איבערגענומען געווארן קיין סלוצק און פון דארטן קיין לעמבערג.

אין יאר תקי״ט (1759) איז ער געפארן אין לעמבערג אלס איינער פון די 40 רבנים פון פוילן, וואס האבן אין יענעם יאר געדארפט זיך באטייליקן אין דיספוט מיט די פראנקיסטן. פון די 40 איז ער, צוזאמען מיט הרב דובער אב״ד ביאזלאוויץ און מיט ר׳ ישראל בעש״ט, אויסגעוויילט געווארן דירעקט צו פירן דעם דיספוט, וועלכער ווי באוואוסט, האט זיך געענדיקט מיט א נצחון



**זשעטל**

דער אלטער בית-עולם און די בתי-מדרשים.

לינקס—דער אלטער און מיטעלער בית-מדרש, רעכטס—דער נייער.

פון די רבנים. דער דיספוט איז געפירט געווארן אונטערן פארזיץ פון לעמבערגער בישאף מיקולסקי, וועלכער איז אויך געווען זיין ארגאניזאטאר לויט דער איניציאטיוו פון די פראנקיסטן. ר׳ חיים הכהן ראפאפארט איז דאן געווען שוין רב אין סלוצק. נאכן דיספוט איז ער דורך דער לעמבערגער קהילה פארהאלטן געווארן אין לעמבערג אלס רב. פאר די וויכטיקערע ווערק זיינע ווערן גערעכנט זיינע שו״ת (לעמבערג 1861) און „זכר החיים״ (ib 1865). אינטערעסאנט, אז אין דער „יעוור. ענציקלאפעדיא״ ווערט ער דערמאנט נאר אלס רב פון סלוצק און דאן לעמבערג. און פאר פראפ. מ. באלאבאן איז געווען א נייס, אז ער איז א לאנגע צייט געווען רב אין זשעטל. דערפאר ווערט דאס באשטעטיקט אין דובערס „אנשי שם״, אין דער קורצער מאנאגראפיע וועגן חיים בר׳ שמחה הכהן ראפאפארט. אין זשעטל איז געווען זיין ערשטע רבנות און אין יאר תפ״ט איז ער נאך געווען דארטן רב (אנשי שם).

מיט הונדערט יאר צוריק איז אין זשעטל געווען רב ר׳ זאב-וואלף סגל, מחבר פון „עמק הלכה״. ר׳ זאב-וואלף סגל „הגאון דק״ק זשיטל״ ווערט דערמאנט ביי די מפרשים פון „יורה דעה״, וועלכע שטיצן זיך אויף אים אין זייערע שאלות ותשובות. ר׳ זאב-וואלף סגל איז פון זשעטל איינגעלאדן געווארן אלס רב אין דייטשלאנד. געשען איז דאס, ווי מען דערציילט, אזוי: דורכפארנדיקע דייטשע יידן, סוחרים, זיינען צו ר׳ זאב-וואלף סגל געקומען מיט א דין-תורה. די דין-תורה איז געווען זייער א פארוויקלטע. דער רב האט זי אבער אזוי גוט פונאנדערגענומען און געפסקנט, אז קומענדיק אהיים קיין דייטשלאנד, האבן אים די בעלי-דברים פאפולער געמאכט, און מען האט אים איבערגענומען אהין אלס רב.



ר׳ זאב-וואלף סגל איז געחתמעט דער ערשטער אויפן ערשטן פראטאקאל אין אלטן פנקס פון זשעטלער „גמילות-חסדים״ מיט 100 יאר צוריק אלס איינער פון די גרינדער.

די באדייטנדסטע ראלע אין אמאליקן זשעטלער יידישן גייסטיק-קולטורעלן לעבן האט געשפילט די „אלטע״ חברה ש״ס. מיט א יאר דרייסיק-פערציק צוריק, האט די אלטע חברה ש״ס געציילט צווישן אירע מיטגלידער אזעלכע תלמידי-חכמים, ווי דער אלטער זשעטלער רב ר׳ ברוך-אברהם מירסקי, איינער פון די ערשטע גרינדער פון „מזרחי״. ער איז אויך געווען, חוץ זיין גרויסער למדנות, א בקי אין דער העבראישער שפראך און אין דער אלטער העבראישער ליטעראטור. צו דער אלטער זשעטלער חברה ש״ס האט אויך געהערט דער ניט לאנג פארשטארבענער מאסקווער רב ר׳ שמ״אל ראבינאוויטש, א זשעטלער איידעם. ער האט געשמט מיט זיין הויכן רבנישן יחוס, גאונישן קאפ און גרויסער בקיאות אין תלמוד. צו דער אלטער זשעטלער חברה ש״ס איז געווען זייער שווער זיך צו דערשלאגן. געהערן צו אט דער חברה איז שוין אליין געווען אן אטעסטאט אויף א תלמיד-חכם. מיט א יאר 50 צוריק איז צוליב אט די שוועריקייטן געגרינדעט געווארן אין זשעטל די „נייע״ חברה ש״ס, וועלכע האט שוין ניט געפאדערט אזוי פיל פון אירע מיטגלידער און האט שוין אבער אויך ניט פון דער חשיבות, וועלכע עס האט געהאט די אלטע חברה ש״ס.

נאך דער חברה ש״ס, קומט די אמאליקע זשעטלער ישיבה, וועלכע איז געווען באקאנט מיט אירע עלוים. זי איז געווען פול מיט בחורים פון אלע עקן פוילן, ליטע און רייסן, וועלכע האבן טאג און נאכט פארקלונגען דאס שטעטל מיטן ספעציפישן גמרא-רעסיטאטיוו און האבן געבילדעט די העכסטע בילדונגס- און ערציאונגס-אינסטאנץ פאר דער גאנצער יידישער אומגעבונג.

בכלל איז די אלטע זשעטל געשטאנען אויף א באדייטנדער גייסטיקער הייך. ביסלעכווייז דרינגען אריין אין דער אלטער גאנצער זשעטל נייע מאדערנע ווינטן און מאכן אן אין איר חורבנות... די אמאליקע זשעטלער גוטע בחורים בילדן אין די „יארן פון שטורעם און דראנג״ העלדישע קאדרען פון סאציאליסטישע און רעוואלוציאנערע טוער און ווארפן זיך אריין מיטן גאנצן יוגנט-ברען אין דער גרויסער יידישער און רוסישער ארבעטער-באוועגונג פון די ערשטע יארן פון איצטיקן יארהונדערט

זשעטל איז דאן געווען א באדייטנדער צענטער פון דער יידישער ארבעטער-באוועגונג און אונזער קאנט און האט געשפילט ניט די לעצטע ראלע. פיל פון דער זשעטלער יידישער יוגנט זיינען אומגעקומען אויף סיביר, קאטארגע, צארישע תליות. אלס א זכר פון דער דאזיקער יוגנט לעבט נאך ביז היינט אין זשעטל איינער פון די ערשטע פארשפרייטער פון „בונד" אין דער גאנצער געגנט חיים קאפלינסקי. דאן—יצחק ראבינאוויטש, אן ארבעטער אין א לעדער-פאבריק, אנארכיסט. ארגאניזירט און דורכגעפירט די בארימטע עקספראפריאציע אויף פאנארי טערעאלאק אין פעטערבורג אין 1905. אנטלויפנדיק, האט ער דערשאסן עטלעכע פאליציאנטן. איז אומגעקומען אויף דער תליה. עס קומט נאך א גאנצע ריי, וועלכע זיינען שוין טיילווייז ניטא, טיילווייז צעשפרייט איבער דער גאנצער וועלט און טיילווייז אין זשעטל, זשעטלער בעלי-הבתים, מיט ווייבער און קינדער און מיט גרויסע דאגות. אפשר דערמאנט מען זיך ווען ניט ויען פון דער פארגאנגענהייט, פארקוקנדיק זיך אין דער וועלט אריין, מיט א פארקלערטן שמייכל אויף די ליפן.

## די נייע זשעטל.

זשעטל ציילט איצט 4600 איינוואוינער, צווישן זיי $75^0/_0$ יידן. די קריסטן, מיט גאנץ קליינע אויסנאמען, זיינען ווייסרוסן, ערד-ארבעטער. די צאלרייכע גוט-באזיצער זיינען כמעט אלע פאליאקן. די מלוכה-באאמטע, צווישן וועלכע עס איז פאראן א באדייטנדער פראצענט אלטע רוסישע באאמטע, גילטן אויך אלס פאליאקן. הגם, לויט זייער פוילישן אקצענט, נעמען און אנדערע סימנים איז זייער פוילישקייט גאנץ פראבלעמאטיש. אלנפאלס פאלאניזירן זיי זיך זייער ענערגיש. דאס גיט זיך זיי אבער ניט גרינג איין און נעמט אן א ריין פראווינציעלן קריסן-בייטעם צוליב דעם אויסגעשפראכענעם ווייסרוסישן קאלאריט פון דער גאנצער קריסטלעכער באפעלקערונג.



זשעטל

די תלמוד-תורה.

דער ווייסרוס באנוצט אין אלע אמטן דורכאויס כמעט ווייסרוסיש. דאקעגן לאזט זיך ניט זאגן וועגן שריפטלעכע באציאונגען מיט דער מאכט. דא ווערט באנוצט פויליש.

יידישע קינדער באזוכן ביי א נז דאס רוב די ת"ת, חדרים און אין די גרעסערע שטעטלעך, ווי סלאנים, לידע, נאוואראדאק, זשעטל—אויך יידישע וועלטלעכע אדער תרבות-שולן. זשעטל, למשל האט איר 6-קלאסיקע יידיש-וועלטלעכע פאלקס-שול פון. חוץ דעם, חדרים, וועלכע באפרידיקן בעסער—ערגער די שול-נויט פון דער יידישער באפעלקערונג ביי אונז. דאך געפינען זיך איינציקע יידישע קינדער, דערהויפט, מיידלעך, אין דער ארטיקער פוילישער פאלקס-שול, וואו עס קאסט קיין געלט ניט. ערגער איז אין פרט פון מיטל-שולן. די געציילטע זשעטלער יידישע קינדער, וועלכע עס געלינגט צו באזוכן אין דער פרעמדער מיטל-שולן, זיינען כמעט אלע תלמידים פון פוילישע, ד. ה. יידיש-פוילישע מיטל-שולן.



זשעטל

די באד און די אלטע עלעקטרישע סטאנציע.

די זשעטלער יידיש-וועלטלעכע פאלקס-שול איז געגרינדעט געווארן מיט א יאר 6 צוריק דורך דער זשעטלער יוגנט. ווי אלע אירע שוועסטער האט זי געהאט און האט עד היום אויסצושטיין קאלט און ווארעם פון אינעווייניק און פון דרויסן. זי האט זיך שוין אבער איינגעבירגערט ביי אונז, און היינטיקן זומער האט זי געפייערט איר ערשטן סיום. דער סיום האט אויך אונזערע עלטערן באוויזן, אז די שול שטייט פעדאגאגיש ניט שלעכט, פינאנציעל אבער — איז גרויסע צרות. מיט דריי יאר צוריק האט די שול מיט הוילע פינף פינגער צוגעטראטן אויסצובויען אן אייגענעם בנין. היות אבער, גוטער ווילן איז פארט ווייניק אויף אויסצובויען א בנין פאר א שול, איז פאר דאס ביסל געלט, וואס מען האט באקומען פון אמעריקע אויף דעם צוועק, אויסגעצאלט געווארן טיילווייז דער פלאץ. די איבעריקע געלט פארן פלאץ האט מען געזאמלט צווישן זיך און אין שטעטל דורך קליינע באשטייערונגען, האט מען פאר די גראשנס אויסגעשטעלט א שיינעם געראמיקן זרוב, איבערגעצויגן א דאך און אויסגעפיילט פארלאגע. ביים גרינדן די פאלקס-שול זיינען אנגענומען געווארן קינדער פון די ארעמסטע היזער. איצט באזוכן די שול 120 קינדער פון אלע שיכטן, און די שול ווערט וואס אמאל פאפולערער.

די שול איז דער וויכטיקסטער קולטור-צענטער פאר דער יונגער זשעטל. נאך איר קומט די ביבליאטעק, וועלכע איז געגרינדעט געווארן מיט 35 יאר צוריק. פון 1905 — ביז 1915 איז די ביבליאטעק צוליב פאליציייאישע רדיפות געווען אין פריוואטע הענט. מיטן אנקומען פון די דייטשן אין 1915 נעמט צוריק איבער די זשעטלער יוגנט די ביבליאטעק, וועלכע האט ביז 1921 פונקציאנירט נארמאל און איז געווען פאר זשעטל דאס, וואס היינט די פ.-שול. פון דאן אן הייבט זיך אן די ירידה פון דער ביבליאטעק, צוליב דעם, ערשטנס, וואס די געגרינדעטע שול האט אפגעצויגן דאס רוב ענערגיע ביי דער זשעטלער יוגנט. צווייטנס, האט דער שווערער עקאנאמישער קריזיס און דער לכתחילה-דיקער אקאפאנטיסטער רעזוסים ביי אונז אפגעטייט די שטענדיקע רירעוודיקייט פון דער זשעטלער יוגנט. די שול, אלס א טאג-פראגע, איז ארויס אויפן פאדער-פלאן, און די ביבליאטעק איז אפגערוקט געווארן אין שאטן, און נאר א דאנק דער איבערגעגעבנקייט פון ביבליאטעקאר ה' יצחק ליבאוויטש, איז זי איינגאנצן ניט צעפאלן. איצט האט מען זיך ארומגעזען אויך ארום דער ביבליאטעק, און עס איז קיין ספק ניט, אז זי וועט ווידער אויפלעבן.

די זשעטלער ת"ת איז שוין גאנץ אלט, האט איר אייגענעם אלטן בנין און ווערט אויסגעהיט פון צעפאלן דורכן זשעטלער אגודהשן רב ר' זלמן סאראצקין און אייניקע עלטערע בעלי-בתים. דאס הויפט-געוויכט ווערט, פארשטייט זיך, געלייגט אויף די רעליגיעזע למודים. די עלטערן פון די קינדער מישן זיך אין דער פעדאגאגיק, צוליב די איינגעווארצלטע אנשויאונגען אויף דער ת"ת אלס אן ארט, וואו יעדער טאטע האט א דעה און ווייסט אן, ווי צו לערנען און וואס צו לערנען. אויב ניט — נעמט ער אפ זיין יינגל... די יידיש-וועלטלעכע פאלקס-שול באזוכן כמעט קיין יינגלעך ניט צוליבן פעלן פון רעליגיעזן עלעמענט און צוליב דער השפעה פון ת"ת-צר.

די פאלקס-שול ארדנט איין פון צייט צו צייט אוונטן, אמאטארישע ספעקטאקלען, פארלעזונגען—



ז ש ע ט ל

ד ע ר י י ד י ש ע ר ש פ י ט א ל.

אבער אלץ מיט אייגענע כחות. ארומפארענגען א רעפעראט, שוין ניט ריידנדיק וועגן א טרופע, פון ווארשע אדער ווילנע איז ניטא קיין כח, ווייל זשעטל איז דערצו צו ארים. און פארבלאנדזשעט אמאל א רעפערענט אדער א טרופע קיין זשעטל בלייבט עס לזכרון. ווינטער 1924 האט באזוכט זשעטל דוד הערמאנס טרופע, איז מען 'געלאסן, אלט און יונג, אויף אלע דריי פארשטעלונגען, און ביז היינט רעדט מען נאך וועגן דעם*).

ווי אלע יידישע שטעט און שטעטלעך איז אין זשעטל פאראן א ציוניסטישע ארגאניזאציע, פאר-איינריקטע צ. צ און פ. צ., חלוצים און דאן א געמישטער פראפעסיאנעלער פאראיין פון די יונגנ-לעכע בעלי-מלאכות. די אלע חלומען וועגן א לעקטאר, ארגאניזאטאר פון ווארשע, האבן קיין געלט ניט און בלייבן ביים וועלן. די חלוצים לערנען זיך מלאכות, אויך ערד-ארבעט און פארן צו ביסלעך אין פאלעסטינע.

ווייטער פארמאגט זשעטל די אלע ספעציפיש-יידישע קהלשע חברות און אינסטיטוציעס, ווי לינת הצדק, עזרת-חולים, גמילת-חסד, וכדומה. דאן א זייער גוטע עלעקטרישע סטאנציע, וועלכע באלייכט דאס גאנצע שטעטל, א גאנץ גוטע באד, א יידישן שפיטאל, וועלכער איז אגב גרינגלעך פארלאזן, א פייערלעשער-געזעלשאפט, וועלכע איז שוין אלט 24 יאר און איז גאנץ גוט ארגאניזירט.

די פייערלעשע-געזעלשאפט איז אויסגעבויט געווארן מיט יידישע כחות און מיטלען, און ביז היינטיקן טאג זיינען דאס רוב מיטגלידער — יידן. פאקטיש איז דאס א יידישע געזעלשאפט, ווייל חוץ יידן אינטערעסירט מען זיך מיט איר קנאפ-וואס. דער אינווענטאר פון דער געזעלשאפט איז אויך געשאפן געווארן פאר יידיש געלט.

צום סוף קומט די וויכטיקסטע יידישע געזעל-שאפטלעכע עקאנאמישע אינסטיטוציע — די זשעט-לער יידישע פאלקס-באנק. די באנק נעמט ארום דאס גאנצע יידישע עקאנאמישע זשעטל. די באנק איז אנגעשלאסן אן דער ווילנער צענטראלער יידישער קאאפעראטיווער פאלקס-באנק. דאס יידי-שע עקאנאמישע לעבן איז ארגאניזירט אין א סוחרים-פאראיין און האנטווערקער-פאראיין, וועלכע נעמען ארום דעם גרעסטן טייל קרעמער און בעלי-מלאכות. די ביידע פאראיינען זיינען אנ-געשלאסן אן די ווארשעווער צענטראלעס און פונקציאנירן פארהעלטניסמעסיק ניט שלעכט.

## פון וואנען לעבט זשעטל?

אט די פראגע מוז זיך שטעלן, ניט ווילנדיק, יעדער, וואס קומט קיין זשעטל און ווערט נשתומם פון דער שפע קראמען און קרעמלעך, וואס רינג-לען ארום, ווי א פארזשאווערטע קייט דעם גאנצן, בערוימיקן, ליידיק-אויסגעשטשירעטן מארק אין מיטן שטעטל און פארפלייצן אויך אלע איבעריקע גאסן און געסלעך. איז די ערשטע און וויכטיקסטע

---

*) דער מצב אין יוני 1929 שטעלט זיך פאר אויף פאלגנדן אופן: די שולן, ווי די „צ.ש.א.-שול" אזוי אויך די „תלמוד-תורה", אטעמען קוים — גע-פינען זיך אין אן אומדערטרעגלעכן שווערן מצב פון פערמאנענטער געלטלאזיקייט. די צאל קינדער (בערך צו 200) איז א גלייכע אין ביידע שולן מיט גאנץ קליינע וואקלונגען. נאטירלעך, שפיגלט זיך אפ די שווערע געלט-לאגע אויף דער פעדאגא-גישער זייט. פון מלוכה-סובסידיעס איז דערווייל ניטא וואס צו ריידן. דער מאגיסטראט האט אויף דאס לויפנדע יאר געהעכערט די סובסידיע פאר די שולן אויף 50%. ד. ה. אנשטאט 2000 זל. — איז דאס יאר באשטימט געווארן פאר ביידע שולן — 3000 גילדן. אפשר וועט געלינגען אויסיענטשען נאך א פאר הונדערט זל. צו 1500 גילדן א יאר פאר א שול מיט 200 קינדער דורכשניטלעך מיט 4—5 לערער איז עס ניט קיין מאטעריעלער פונדא-מענט, אין וועלכן אונזערע שולן נויטיקן זיך אין דער ערשטער ריי. שכר-למוד מאכט אויס א נישטיקן פראצענט אין אונזערע שול-בודזשעטן. דאס שטעטל איז גוואלדיק פארארעמט. קיין שכר-למוד צאלט מען ניט דאס רוב און דאס ביסל, וואס מען צאלט, איז זייער אומפינקטלעך. די בעסערע לערער גייען אוועק. די צו אפטע שינויים אין לערער-צוזאמענ-שטעל איז אויך ניט קיין מעלה. דא געפינט פאר זיך א גינסטיקן עקספאנסיע-באדן די פוילישע „פאווזשעכנע"-שול, וועלכע ציילט איצט 30% יידישע קינדער, אמת, דאס רוב מיידלעך, אבער היפש יינגלעך אויך.

פון אנדערע קולטור-אינסטיטוציעס דארף מען דערמאנען די „ישא"-אפטיילונג, „טאז"-געזעלשאפט און די לעצטנס צוגעקומענע „קולטור-ליגע". די אלע געזעלשאפטן ווייזן אבער ארויס א גאנץ אומ-באדייטנדיקע טעטיקייט. באשטייען דאס רוב פון יוגנט, פון יידישער יוגנט, וועלכע האט ניט וואס צו טאן, איז בארגלאז, איז פארנומען מיט א סך שווערע און ביטערע דאגות וועגן „אם תאמר מה נאכל"... דער דראנג צו עמיגראציע איז זייער שטארק, און ניט געקוקט אויף אלע שוועריקייטן, ווערט בעלם פון שטעטל דא דער, דא יענער. מען עמיגרירט, וואו עס לאזט זיך, דאס רוב קיין דרום-אמעריקע. עס זיינען פאר די לעצטע פאר יאר אייך צוגעקומען היבש קרעמלעך. דער עולם לייגט „האפ-ענונגען" אויפן צעכן-געזעץ, אויף די צעכן-קאמער, אז מער קיין קרעמער און בעלי-מלאכות וועט ניט צוקומען אזוי לייכט און גיך, ווי ביז איצט...

וועגן ווייסרוסישער קולטור-טעטיקייט ביי אונז איז דערווייל אפילו קיין רייד ניט. זיי ווערן זייער לייכט פאלאניזירט. אלע ווייסרוסישע קינדער אן אויסנאם גאזיכן באין ברירה די פוילישע „פאווזשעכנע" שולן. זיי אמפערן זיך גארניט. דאס ביסל אומצופרידענע זעט זיך לחלוטין ניט אן...

די לעצטע פאר יאר עקזיסטירט דא אויך א צוויי-קלאסיקע „תרבות"-שול, וועלכע ארבעט אונטער דער פירמע פון דער תלמוד-תורה אין אין ניט ווייט אוועק פון איר. עס איז גיכער א אגודה'שע „עזרה"-שול, וועלכע איז געגרינדעט געווארן אונטערן פראטעקטאראט פון געוועזענעם זשעטלער רב (איצט לוצקער) זלמן סאראצקין. די לאגע איז אבער אזא, אז פון א וועלכן עס איז אויסגעהאלטענעם קולטור-קאמף צווישן די צוויי שולן — צ. ש. א. און תרבות — קאן דא קיין רייד ניט זיין. ניטא די מיטלען דערצו. זיינען די איינציקע קאנקורענץ-מיטלען — ביליקייט פון שכר-למוד, אדער אינגאנצן אן שכר-למוד — און דאן — די „נאציאנאלע" און „רעליגיעזע" סענטימענטן פון דער תלמוד-תורה און „תרבות"; און פון דער אנדער זייט — די „וועלטלעכקייט". דערווייל שיקט מען גאר אלץ מער אין די פוילישע „פאווזשעכנע", וואו מען לערנט לעצטנס אויך „יידישע רעליגיע" איין מאל אדער 2 מאל אין וואך (ניט אין שול גופא, נאר די קינדער גייען צו א מלמד אהיים)..

דער בנין פון דער צ. ש. א.-שול איז נאך ווייט ניט פארטיק, ווי עס באדארף צו זיין, ניט פון דרויסן, ניט פון אינעווייניק. דאך ווערט אין אים געלערנט. זומער איז נאך גוט. ווינטער מוז מען א גאנצן טאג הייצן (אויב עס איז נאר ניט קיין מניעה אין האלץ), ווייל דער בנין איז אינעווייניק ניט געטינקעוועט און ניט געקלעפט, פון דרויסן ווידער — ניט געשאלעוועט.

די ביבליאטעק אונזערע איז אונטער דער פירמע פון סוחרים-פאראיין. דער ביכער-באשטאנד איז ניט קיין שלעכטער. פון מאגיסטראט באקומט די ביבליאטעק א גאנץ קליינע סובסידיע — א פאר הונדערט גילדן. מיר האפן, אז ווייטער וועט זיך די סובסידיע פארגרעסערן.

זשעטל האט שוין א נייע עלעקטרישע סטאנציע מיט א „דיזעל"-מאטאר. די עלעקטרישע סטאנציע, הגם זייער און זייער א גוטע, מיט א זייער גרויסער מאדערנער עלעקטרישער נעץ, מיט אויס-געצייכנטע ליכט, האט אבער צונויפגעפרעסט דעם מאגיסטראט, אז קוים, וואס ער אטעמט. דאס פארגעניגן קאסט א ביסל צופיל פאר זשעטל. ליגט מען מיט הלוואות און וועקסלען אין דער מלוכה-שער ווירטשאפט-באנק וכדומה.

דער שפיטאל איז פארוואנדלט אין אן אמבו-לאטאריע, וואוהין עס קומט 5 מאל אין וואך דער דאקטאר. אין דער אמבולאטאריע — צאלט מען 1 גילדן פאר א וויזיט. אזוי, אז מיר האבן איצט אין זשעטל 2 אמבולאטאריעס: א פוילישע און א יידישע. אין דער פוילישער קאסט א וויזיט 50 גר. אין דער יידישער איז פאראן אויך א קווארץ-לאמפ, מיט וועלכן מען באניצט זיך פאר א מי-נימום-פרייז.

תשובה, וואָס אַ זשעטלער ייִד וועט אייך אויף דער פראַגע געבן:

— וואָס איז שייך, סיגוואַגען ייִדן לעבן? עס, מע לעבט...

פאַראינטערעסירנדיק זיך מיט אָט דער קאַרדינאַלער פראַגע נעענטער, וועט איר זיך דערוויסן, אַז היונה צום זשעטל פון מאַרק-טאָג, צו וועלכן עס פאָרט זיך אויף קיין זשעטל די אַרומיקע פויערשע באַפעלקערונג. עס זיינען פאַקטיש, לעצטנס, איינגעשטעלט געוואָרן צוויי מאַרק-טעג: דינסטאָג און פרייטאָג. דער אמתער מאַרק-טאָג איז אָבער דינסטאָג. אַלע איבעריקע טעג פון דער וואָך זיינען נאָר פּרוּזדורס צום מאַרק-טאָג. מיט איין וואָרט: דאָס גאַנצע עקאָנאָמיש-פינאַנציעל-ווירטשאַפטלעכע און אין אַ גרויסער מאָס דאָס געזעלשאַפטלעך-קולטורעלע לעבן פון זשעטל איז אָפּהענגיק און ווערט רעגולירט דורכן דינסטאָגדיקן מאַרק-טאָג. היות אָבער דער אַרומיקער פויער איז אייך גענוג אָרעם, גייט דאָס רוב דער מאַרק-טאָג מער טומל, ווי ממשות.

פּראָפעסיאָנעל זעט אויס זשעטל אַזוי:

אַיין אינדוסטריעלע אונטערנעמונג — דאַמף-מיל און טאַרטאַק, געהערט צו פיר שותּפים.

קרעמער — 170. דערהויפּט — באַקאַליי, מאַנופאַקטור, אייזן, לעדער, גאַלאַנטעריי, שיך, גלאָז, אַפּטייק-סקלאַדעס. פון זיי 115 אָנגעשלאָגן אַן סוחרים-פאַראיין. כמעט אַלע פון פערטער און דריטער קאַטעגאָריע.

בירהאַלעס—10; טיי-הייזער—10; האָטעלן—4; רעסטאָראַנען—2; אַ קליינע קאַכל-פאַבריק; קליינע ריכוואַרג-הענדלער, דיזעלבע—קאַראַבייניקעס און פּראָסלער — צוזאַמען — 40 פאַמיליעס. צוזאַמען מיט די קרעמער — 210 משפּחות.

האַנטווערקער — בערך — 250 משפּחות.

לויט די פאַכן:

נאָדל-פאַך: שניידער—קעס, נייטערקעס—25 פאַמיליעס; קירזשנער—6.

לעדער-פאַך: שוסטער—50; שטעפּער—10; גאַרבער—10; רימער—8; בויגער—2.

האָלץ-פאַך: סטאָלאַרעס—25; שינדל-מאַכער—2.

מעטאַל-פאַך: שמידן—15; שלאָסער—3; קאָטלער — 1; געהילף-מאַשיניסט — 1; זייגערמאַכער — 2; בלעכער — 2.

גלעזער — 10.

מאָלער אָדער פאַרבער — 4; קאַלכער—3; מוליאַרעס—3.

טעפּער (כאַלופּניקעס)—3; וואַשנע-מאַכער—2.

דערנערונגס-פאַך: בעקער — 20; קצבים—25; וואורשט-מאַכער (כאַלופּניקעס) — 6; זעלצער-וואַסער-פאַבריקלעך — 2; מילנער (וואַסער) — 1; וואַלצן-מילנער (דאַמף) — 1.

ערד-אַרבעטער: לאַנדווירטן—3; גערטנער—2; סעדער—7;

פאַרשיידענע: פאָטאָגראַפן — 2; עלעקטראָטעכניקער—2, פורמאַנעס—30; פריזירער—4; וואַל-בערשטער—2; זאַקנמאַכערקעס (מאַשין)—1.

ספּעציפיש-ייִדישע פאַכן: סופרים (סת"ם)—30; פּאַרמעט-מאַכער—3; פּאַרוקנמאַכערקעס—1.

פרייע פּראָפעסיעס: דאָקטוירים — 1; פעלדשער—1; דענטיסטן—2; לערער, מלמדים—15.

כלי-קודש: רב—1; חזן—1; שוחטים—3; שמשים — 3; קברות-לייט — 1 (דערזעלבער אויך אַ מצבה-קריצער).



שוואַרצאַרבעטער — 5.

פאַר דער מלחמה און מיט אַ יאָר דריי צוריק איז זשעטל געווען אַ צענטער פון וואַלד-מסחר. וואַלד-אָנגעשטעלטע (דורכאויס ייִדן) אַזויגערופענע שאַפערס האָבן אויסגעמאַכט אַ גאַנץ אָנזעעוודיקן פּראָצענט אין זשעטל. [illegible]קן פון שאַפריי 2 פאַמיליעס.

## אַמעריקע פאַר זשעטל.

ווי אין גאַנץ פוילן, האָט דער „דזשוינט" אויך אין זשעטל פאַרהיט אַ סך ייִדישע משפּחות פון בוכשטעבלעכן אונטערגאַנג אין דער ביטערער איבערגאַנגס-צייט פון 1920—1922 און צוריק אויסגעשטעלט די געזעלשאַפטלעכע זשעטל.

די אייגנטלעכע הילפס-אַרבעט פון „דזשוינט", ווי בכלל פון אַמעריקע אין זשעטל הויבט זיך אָן פון יאָר 1920. אין דעם יאָר האָט צום ערשטן מאָל אַ דעלעגאַט פון „דזשוינט" באַזוכט זשעטל און האָט איבערגעלאָזן 10.000 מאַרק. דאָס האָט דאַן באַטראָפן אַ סומע פון איבער 300 דאָלאַר. דער דעלעגאַט ה׳ לעווי האָט אויסגעמונטערט דאָס פולשטענדיק עקאָנאָמיש און געזעלשאַפטלעך חרובֿע שטעטל און האָט זי פאַרבונדן מיט סלאָנים אַלס אַ זעלבסטענדיקן פּונקט. ביז דאַן איז זשעטל געווען אַזוי גוט ווי איזאָלירט פון דער „דזשוינט"-טעטיקייט. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ דירעקטער געזעלשאַפטלעכער לעבן. עס איז גלייך געבילדעט געוואָרן פון פאַרשיידענע ריכטונגען אַ ועד-הקהל מיט דער הויפּט-אויפגאַבע צו פאַרטיילן צוזאַמע-



די זשעטלער ייִדישע יוגנט טריקנט אויס די שטעטלשע זומפּן (ז. זייט 424).

סיק די שטיצע, וועלכע פלעגט פון דאַן אָן אָנקומען רעגולער יעדן חודש אין גרעסערע אָדער קלענערע סומעס. די שטיצע פלעגט פאַרטיילט ווערן אָן אויסנאַם צווישן אַלע שטעטלשע קהלשע אַנשטאַלטן, וועלכע האָבן ווידער באַקומען אַ דוחק. עס האָט זיך געעפנט אַ קיך פאַר די אָרעמסטע, וואָס פלעגט אַרויסגעבן ביז 200 פּאָרציעס טעגלעך. דאָס שטעטל אַליין פלעגט אויך דעקן טיילווייז די הוצאות דורך באַשטייערונגען. אַ סך פלעגן אין עקסטרע פאַלן באַקומען קצבה. אַ סך ווידער האָט מען געהאָלפן אָפּבויען וואַרשטאַטן, זיך שטעלן זעלבסטענדיק אויף די פיס. אַלע חודש פלעגט אין סלאָנים פאָרקומען אַ צוזאַמענפאָר פון גאַנצן סלאָנימער קרייז וועגן דער פונאַנדערטיילונג פון די „דזשוינט"-געלטער, קליידער, עס״ז, וואָס פלעגן אָנקומען קיין סלאָנים פאַרן גאַנצן קרייז. אין יאָר 1922 שליסט זיך אָן זשעטל אָן ביאַליסטאָקער דיסטריקט מיטן זשעטלער רב ר׳ זלמן



סאָראָצקין אַלס פאָרזיצער. עס הויבט זיך דאַן אָן די פּלאַנמעסיקע אויפבוי-טעטיקייט פון „דזשוינט" אין אונזער ראַיאָן. דער ביאַליסטאָקער „דזשוינט" טיילט אויס פון זיך דריי צווייגן־אַפּטיילונגען: מעדיצינישע-סאַניטאַרע, יתומים, קרעדיט. דער זשעטלער רב איז אויסגעוויילט געוואָרן אין פּרעזידיום פון ביאַליסטאָקער דיסטריקט. מיט דער הילף פון „דזשוינט" קויפט דאַן אָפּ די שטעטל די באַר פון אַ פּריוואַטן באַזיצער, רעמאָנטירט איר, ווי געהעריק, שאַפט זיך איין אַ נייעם, מאָדערנעם אינווענטאַר, מכשירים. עס ווערט רעאָרגאַניזירט דער ייִדישער שפּיטאָל, רעמאָנטירט און מאָדערן קאָמפּלעטירט מיט אַ גרונט, נייעם אינווענטאַר און הויבט אָן גוט און נאָרמאַל צו פונקציאָנירן. בײַם שפּיטאָל האָט זיך געעפנט אַ אַמבולאַטאָריע. עס ווערט אָרגאַניזירט די שול-מעדיצין און היגיענע, פון וועלכע עס פלעגן גענייסן איבער 200 קינדער. מען האָט דאַן אויך אויסגעבויט דעם שטעטלשן אייז-סקלאַד, וועלכער דעקט ביז היינטיקן טאָג די נויט אין אייז אין פאַלן פון קראַנקייט ניט נאָר אין זשעטל, נאָר אויך אין דער גאַנצער אומגעגנט, אָן אויסנאַם פאַר ייִדן, ווי קריסטן. דער ייִדישער שפּיטאָל איז דאַן מיט דער הילף פון „דזשוינט" לעגאַליזירט געוואָרן אַלס אַזעלכער. ייִדישע לעגאַליזירטע שפּיטעלער זיינען פון 110 שטעטלעך פון ביאַליסטאָקער ראַיאָן געווען דאַן נאָר אין 2: אין זשעטל און רוזשינאַי בײַ סלאָנים. עס האָט זיך געבילדעט אַ סאַניטאַרע-קאָמיסיע, וואָס האָט דאָס גאַנצע שטעטל געריי-ניקט, געקאַלכט, דעזינפיצירט, געבראַכט אַלטע

הייזער אין צוריכטגעבן נייע, און דער כּולם — לעגאַליזירט זייער אַ דירעקטן „עזרת-חולים". אָרימע קראַנקע פלעגן באַקומען איינגאַנצן אומזיסט מעדיצינישע הילף, פלעגער און פלעגערקעס איינגעשלאָסן. חוץ דעם, האָט זיך דאַן אין זשעטל געגרינדעט אַ קרייז-קאָמיטעט פאַר יתומים-פאַרזאָרגונג מיט ה׳ משה-ראובן מאַרדקאָוויטשי בראש. די צאָל אַדאָפּטירטע זשעטלער מלחמה-יתומים—ות איז אויסגעוואַקסן פון 8 לכתחילה ביז 20. פאַקטיש האָט מען געזאָרגט פאַר מער. פון זיי איז שוין דער גרעסטער טייל גוטע בעלי-מלאכות און זיי זיינען שוין אינגאַנצן אַרויס פון קהלשער אַפּוטראָפּסות.

מיט דער הילף פון דער קרעדיט-צענטראַלע איז אין זשעטל אויפגעבויט געוואָרן די איינגעדרעמאָגטע פאָלקס-באַנק. דאָס אָפּשטעלן די אויפבויאַרבעט פון „דזשוינט" אין פוילן האָט זיך שטאַרק אָפּגערופן אויך אין זשעטל.

זשעטל האט באקומען פון „יעקאפא" עטלעכע סובסידיעס, וועלכע האבן מיטגעהאלפן צו פארלייכטערן א ביסל די שווערע עקאנאמישע לאגע אין זשעטל. די סובסידיעס האבן אויך געגעבן א מעגלעכקייט צו באנייען דעם פאנד „גמילת חסד", אין וועלכער עס האט זיך געפילט א גרויסע נויט. דער „גמילת חסד" גיט ארויס אנפראצענטיקע הלוואות. די יתומים-הילף ביז די לעצטע יארן אינגאנצן דורך „יעקאפא" אין ווילנע, אן וועלכער עס האבן זיך אנגעשלאסן, נאך דער ליקווידירונג פון דער ביאליסטאקער „דזשוינט"-צענטראלע, בארנאוויטשער און סלאנימער קרייזן. ווייטער, איז א דאנק „יעקאפא", אין יאר 1926 אין זשעטל געגרינדעט געווארן א רעטונגס-קאמיטעט פאר ארבעטסלאזע און צו דעם צוועק האט „יעקאפא" אסיגנירט געוויסע סומעס. מען איז גלייך צוגעטראטן אויסצוטריקענען די שטעטלשע זומפיקע לאנקעס — 32 דעסיאטין דורך גראבנס און פארוואנדלען זיי אין פאשע פאר יידישע בהמות. עס האבן דארטן געארבעט טעגלעך ביז 25 יידישע ארבעטסלאזע. דאס שטעטל האט געגעבן צו דעם צוועק א טאג ארבעט פון יעדער יידישער פאמיליע. דעם 25-טן אוגוסט 1926 האט אונזער שטעטל באזוכט דער גענעראל-סעקרעטאר פון „יעקאפא" ה' משה שאליט. צווישן אנדערן, האט ער אויך באטראכט די אויסטריקענונגס-ארבעט, האט אויסגעדריקט זיין צופרידנהייט און אסיגנירט צו דעם צוועק א ווייטעריקע סומע.

חוץ „דזשוינט" און „יעקאפא" האט באדייטנד מיטגעהאלפן צו לינדערן די נויט אין זשעטל און אויפצוריכטן די עקאנאמיע דער זשעטלער רעליעף אין אמעריקע. פון פריוואטער רעגולערער אמעריקאנער הילף האבן אין די יארן 1919—1921 געלעבט 50—60 פראצ. פון שטעטל. די דאזיקע הילף ווערט אויך אלץ מער פארקלענערט. היינט צו טאג באקומען נאך פון אמעריקע רעגולערע שטיצע א 30—35 פאמיליעס; פון צייט צו צייט—30 פראצ. פון שטעטל. די סומעס זיינען אבער ניט דער ערך קלענערע, ווי פריער.

דער מער-ווייניקער איצט אויסגעקריסטאליזירטער פרצוף פון דער עקאנאמישער זשעטל איז אין פארהעלטעניש צו די ארומיקע גרעסערע און אייניקע קלענערע שטעטלעך א ניט-צופרידנשטעלנדיקער. דאס לעבן איז אריין אין נארמאלע ברעגעס, און פונקט, ווי פאר דער מלחמה איז אויך זשעטל—ארעם, מיט דעם אונטערשייד נאר, וואס איצט זעט מען מיט אלע מעגלעכקייטן ארויסצורייסן דעם ביסן ברויט פון מויל. מען גראבט זיך אונטער אפילו אונטער די חשובדיקע יידישע קרעמלעך. עס עקסיסטירן שוין אין זשעטל 10 קריסטלעכע קראמען, וועלכע ציען אפ דעם קריסטלעכן קונה. מען ווערט דערשטיקט אונטערן שטייערן-לאסט און אונטער א סך אנדערע לאסטן... אין אט דער ריכטונג האט זיך געענדערט און ענדערט זיך דער עקאנאמישער אויסזען פון זשעטל. די פראפעסיאנעלע קאנסאלידירטקייט פון דער פארמלחמהדיקער זשעטל איז פארשוואונדן. פאר דער מלחמה איז דער קרעמער געווען א קרעמער און דער בעל מלאכה א בעל-מלאכה. יעדער מיט זיין טראדיציאנעלן, איינגעווארצלטן לעבנס-שטייגער, השגות און פארנעם. איצט ווערט דער יידישער קרעמער ארויסגעשטויסן פון זיינע פאזיציעס, און דער בעל-מלאכה זיצט אן ארבעט — און אלע ווילן עמיגרירן. עס איז נאר ניטא וואוהין און ווי אזוי. נאר געציילטע גליקלעכע פון דער יוגנט איז געלונגען ארויסצורייסן זיך אין דער גרויסער וועלט ארויס און זיך איינארדענען. אויף זיי און צו זיי זיינען געווענדט די



בעסטע חלומות פון דער זשעטלער ענערגישער יוגנט.

## די זשעטלער איבעראינסטיטוציע אדער סראלייזער.

ישראל-עוזר באריסאנסקי, איינגטלעך — סראלייזער. אט דער נאמען האט ביז מיט א פאר יאר צוריק בערך כולל געווען אין זיך גאנץ זשעטל, ריכטיקער — די פאטענץ פון דער געזעלשאפטלעכער זשעטל אויף אלע געביטן. קליין, דאר, דירעוודיק, מיט א פאר טונקל-בלויע שטארק קורצזיכטיקע אויגן מיט א געשארן געלבלעך-גרוי-בערדל און האר האט סראלייזער אין די שרעקלעכע טעג גלייך נאך דער דייטשער אקופאציע, ווען זשעטל איז געווען באוראט פון אלע זייטן פון געפערלעכע וואלד-באנדיטן, פון אומרחמנותדיקן הונגער און נויט; אין די שרעקלעכע טעג פון די באלשעוויסטישע אינוואזיעס, ווען אלע פאר וואכן פלעגן זיך בייטן די מאכטן: היינט פאליאקן, מארגן באלשעוויקעס; ווען די סאלדאטישע הפקרות האט זיך אראפגעלאזן מיט טויט-שרעק איבער די יידישע זשעטל; ווען אלע, אן אויסנאם, יידן, אלט און יונג, האבן געציטערט פארן לעבן, האב און גוטס: — אין יענע טעג איז סראלייזער געווען דער איינציקער, וואס ס'איז געלאפן פון איין מאכט-פארשטייער צום צווייטן מיט בקשות, געטראגן קאנטריבוציע, געווארפלט זיך מיט די הוליגאנישע סאלדאטן און אפגעראטעוועט ניט איין יידן פון זיכערן טויט, ניט איין יידישע פאמיליע—פון חורבן. די ערשטע, ווי די צווייטע פאליאקן, דאסגלייכן — די באלשעוויקעס האבן אים שוין געקענט, ווי א בייזן שילינגער, און זיי פלעגן זיך אויפמערקזאם צוהערן, וואס דער „פאדראבינאק" זאגט, ווייל, חוץ אלע זאכן, איז סראלייזער ניט קיין נאר און שארפזיניק. נאך האבן זיי געוואוסט, אז וואס דער „פאדראבינאק" זאגט צו — איז הייליק. סראלייזער פלעגט אין יענע טעג ארומלויפן איבער די זשעטלער גאסן, אויף וועלכע מען פלעגט זעלטן אנזען א יידן, קלאפן אין די צוגעמאכטע לאדנס, וועקן, מונטערן, פאדערן, שרייען, טראגן נייס און, דער עיקר — בארואיקן. אין די שרעקלעכע טעג און נעכט, ווען איין מאכט פלעגט ארויסגיין, און זשעטל פלעגט מיט טויט-שרעק ווארטן אויף דער אט-אט אנקומענדיקער נייער סאלדאטעסקע, ווען די גאנצע יידישע זשעטל פלעגט זיך באגראבן וואו נאר א לאך, און צעדולטע, צעציטערטע, צוהערן זיך, ווי דורך שויבן-געבראזגעריי פון יידישע פענסטער רייסן זיך דא פון דאנען, דא פון דארטן פארצווייפלטע געוואלדן נאך הילף: — אין יענע טעג און נעכט איז סראלייזער געווען דער איינציקער, וואס האט זיך ניט געשראקן, ארומגעלאפן פון איין קאמענדאנט צום צווייטן, איבער אלע יידישע קראמען, איינגעארדנט ביים רב אין שטוב א מין עטאפ פאר זעלנער, וואו מען פלעגט זיי טיילן פאפיראסן, טיי; וואו עס פלעגן פארקומען אונטערהאנדלונגען מיט די קאמענדאנטן... אין יענע גרויזאמע איבערגאנגס-טעג איז סראלייזער געווען פאר דער שטעטל בוכשטעבלעך — א מלאך המושיע. דאס איז געווען זיין אמפלוא.

אבער דער קאפיטל סראלייזער הייבט זיך אן ניט פון אט די טעג. נאך אין די אלטע גוטע צייטן, מיט א יאר 25—30 צוריק איז אין זשעטל ניט געווען קיין איין געזעלשאפטלעכע אינסטיטוציע, קהלשע חברה, אין וועלכער סראלייזער זאל ניט זיין דער איניציאטאר אדער דער אקטיוויסטער טוער. אומעטום פלעגט ער אריינברענגען לעבן, באוועגונג. ניט איין פאטש האט סראלייזער געקראגן, ווען ער האט פאקטיש אפגעקויפט פון





דער רוסישער קאזנא דעם בנין פון זשעטלער וואלאסט-שפיטאל כדי איינצוארדענען דארטן א יידישן שפיטאל, בעת די פארשיידענע מחלוקת-רייסערייען פאר א רב, א דאקטאר, פאר דער אדער יענער אינסטיטוציע, ניט איינמאל האט ער געקראגן געווידלט. סראלייזער אבער ווערט ניט נתפעל. שרייט, טומלט, זאגט אריין דעם קעגנער אין דער זיבעטער ריפ אריין, טוט זיינס און — בעסער-ערגער — טוט אויף. ווען ניט סראלייזער, וואלט אין זשעטל קיין ת"ת ניט געווען, קיין באד ניט, קיין מושב-זקנים ניט, קיין יידישער שפיטאל ניט א. אז. וו. צום שענסטן איז אבער סראלייזער געווען אין די ביטערע הונגער-צייטן פון 1919—1922, ווען אין זשעטל האט פונקציאנירט די אמעריקאנער קינדער-קיך און די קיך פאר דערוואקסענע פון „דזשוינט"; ווען מען פלעגט טיילן בגדים, קליידער, וועש שיך. דאן פלעגט זיך אפט זען סראלייזערן לויפנדיק איבער די זשעטלער גאסן, א צעפודלטן, אפגעריסן, אפגעשליסן, אין איינצעריסענעם, אלטן שיך און אין איין לאטעטנעם ווייבערשן קאפאט, מיט אן אפענעם, צעשריענעם מויל, מיט א גאנצער מחנה טומלדיקע, שרייענדיקע, וויינענדיקע, קלאגנדיקע ווייבער ארומגערינגלט — אלע מיט די פארשיידנסטע טענות און פרעטענזיעס צום „קאמיטעט" — צו סראלייזערן...

סראלייזער האט שוין די צווייטע ווייב מיט קליינע קינדער און לעבט איצט פון א פאסטן ביי דער עלעקטראווניע. דאס איז אזוי די לעצטע פאר יאר. ביז דאן האט קיינער קיינמאל ניט געוואוסט, פון וואנען ער לעבט, און ווען, אייגנטלעך, טוט סראלייזער עפעס פאר זיך. קיינער אבער האט אים קיינמאל ניט חושד געווען אין אומערלעכקייט, אין מיסברויכן מיט קהלשע געלט, וועלכע פלעגן זיך ביי אים איבערדרייען א היבש ביסל. הגם ער האט אויך קיינמאל קיינעם קיין חשבון ניט אפגעגעבן, ווי אזוי ער פלעגט פארטאן דאס געלט. קיינער האט דאס פון אים אויך ניט געפאדערט. אין זשעטל ווייס מען, אז סראלייזער איז אומבאדינגט ערלעך. סראלייזער איז געווען און איז איצט דער זייל פון דער אלטער, אפגעלעבטער זשעטל. די נייע זשעטל שטויסט אים אפ אין שאטן. סראלייזער לאזט זיך ניט. ער איז אבער דאך ווייס ניט דאסזעלבע, וואס געווען. זיין וועלקן — איז דער אונטערגאנג פון דער אלטער זשעטל און דער אויסקום פון א נייער, יונגער, דעמאקראטישער זשעטל.

## זשאמע.

זלמן רוניעץ, באקאנט אונטערן נאמען "זשאמע, א ייד, א קרעמער פון קרוב 70 יאר. פון העכערן וואוקס, גוט געבויט, א גרוילעך-שווארצע בארד און האר און שמייכלענדיקע, לעבעדיקע שווארצע אויגן, וואס קוקן ארויס פון אונטער געדיכטע, שווארצע ברעמען. דער ערשטער חובב-ציון און דערנאך „מזרחי" אין זשעטל. א אמתער היציקער פאנאטיקער פון מזרחיזם, בכלל פון ישוב אין א"י. כאפט אויף יעדע גינסטיקע ידיעה וועגן א"י פון צייטונגען, בריוו און טראגט עס פונאנדער צו קעגנער אדער גלייכגילטיקע, מיט וועלכע ער האלט זיך אין איין ארומקריגן. דערגייט אין דעם פרט צו אנעקדאטישקייט. בטבע א אמת גוטער, פשוטער, ערלעכער מענטש און הייסער, איבערגעגעבענער ייד. די קעגנער רייצן אים אפט מיט אומגינסטיקע ידיעות פון פאלעסטינע. זשאמע פארגעסט ניט ביי א געלעגנהייט זיך נוקם צו זיין אן זיי אויף זיין אופן. מיט א געוויסער צייט צוריק האט אים א קעגנער, דער זשעטלער בעל-הבית דוד כייקעס, מקבל-פנים געווען מיט א גיפטיקן שמייכל מיט דער בשורה, אז דעלפינער

האָט ליקווידירט זיין זייד-פאַבריק אין א"י. זשאַק האָט אים ביטער אָנגעקוקט און זיך שווייגנדיק אָפּגעקערט פון אים.

מיט אַ געוויסער צייט צוריק האָט זיך דוד שייקעס אויפגעכאַפּט גאַנץ פרי, ביים ערשטן שאַרייען פון אַ גראָזגערייי אין פענסטער. ניט שויט — ניט 'עבעדיק האָט זיך דוד שייקעס אַ לאָז געטאָן צו פענסטער און זיך אָנגעשטויסן אָן צעלאַכטן, צעטראָגלטן זשאַמען, וועלכער האָט אים אַריינגעשריען אין פנים אַריין:

— האַ! דורקע, אַ נבלה דיר אין די ביינער אַריין! וואָס ווילסטו איצט זאָגן?

דוד שטייט אַ צעטומלטער:

— וואָס?!

— „וואָס?!" דו ווייסט ניט?! ווי ער מאַכט זיך דאָס!

— וואָס איז?! רעדט!

— דעלסינער האָט צוריק געעפנט זיין זייד-פאַבריק!

— ספּו, זאָלט איר ווערן, משוגענער ייד! — האָט דוד אויסגעשפּיגן און אַוועק צוריק שלאָפן, איבערטייטלענדיק אויף זשאַמען אַלע בייזע חלומות.

דאָס איז איינער פון אַ סך ענלעכע זשאַמע-אַנעקדאָטן.

זשאַמע איז מיט יאָרן צוריק שוין געווען איינמאָל אין א"י. איצט פאָרט ער פאָרן אויף באַזעצן זיך, אויף אַן אַרויספאָדערונג פון זיין זון אַ חלוץ. ער פאָרט אַליין אָן קיין שום מיטלען. דאָס ווייב מיט די קינדער זיינען שטאַרק קעגן זיין פאָרן און בלייבן דאָ. זשאַמע אָבער טרייסט זיך, אַז קומען וועלן זיי צו אים.

## משה-ראובן מאָרדקאָווסקי.

אַ גאַנץ פּשוטער ייד אַ פאַרבער. משה-ראובע, ווי ער הייסט אין זשעטל, איז דער איינציקער, וואָס איז בלב ונפש איבערגעגעבן די יתומים, און איז זיי מקריב זייער פיל צייט און ענערגיע. ער שטייט בראש פון יתומים-קאָמיטעט און עזרת-חולים. עס גייט ניט אַריבער אַ טאָג, משה-ראובע זאָל ניט באַזוכן אַלע יתומים, וואָס געפינען זיך אונטער זיין אַפּוטרופּסות און נאָכזען, ווי זיי לעבן, לערנען זיך, אַרבעטן, זאָרגט פאַר זייער פיזישער און מאָראַלישער דערציאונג. זיין איבערגעגעבנקייט, אַן אמת אויפריכטיקע, אידעאַלע, ווערט געקרוינט מיט ערפאָלג. איז פּאָפּולער אין שטעטל און ווי געהעריק אָפּגעשאַצט.

---

זשעטל פאַרמאָגט נאָך אַ גאַנצע ריי פערזענלעכקייטן, אויף וועלכע מען וואָלט זיך געדאַרפט אָפּשטעלן בענוי און באַריכות. עס איז פאַראַן אַזאַ, ווי דער זשעטלער אַלטער בעל-הבית ר' הערץ-לייב קאַפּלינסקי, וועלכער איז מיט זיין גאַנצן מהות ווייט אַריבערגעוואַקסן זשעטל. שרייבן וועגן זיי אַלעמען וואָלט פאַרנומען צופיל אָרט. וועגן לעצטן באַזונדערס לאָזט זיך ניט שרייבן אין אַ קורצער נאָטיץ. ר' הערץ-לייב איז אַ פּראָטאָטיפּ פון שלום אַשס ר' שלמה נגיד מיט דעם אונטערשייד, וואָס ר' הערץ-לייב איז אַ ייד אַ תלמיד-חכם און אַ בר אוריין, און — אַ געוועזענער גביר, אַן אַלטער וואַלד-סוחר, איצט — אַ יורד.

אַלס זשעטלער קענען פאַררעכנט ווערן בן-אביגדור, וועלכער איז געבאָרן אין דעם שכנותדיקן שטעטל זשעלודאָק. פון דאָרטן האָט זיין פאָטער אביגדור דער רופא זיך איבערגעצויגן קיין זשעטל. אין זשעטל האָט בן-אביגדור געלערנט און זיך אויסגעהאָדעוועט און דאָ האָט ער אויך געמאַכט זיין ערשטן ליטעראַרישן טראַט.

יהושע איינשטאַט-ברזילי, געבאָרן אין נעסוויזש. פון 20 יאָר אַלט אין זשעטל אַלס גרעסער איידעם ביי אַ רייכן זשעטלער בעל-בית. אָפּגעלעבט אין זשעטל אַ יאָר 30, געפירט געשעפטן, געהאָלפן אויך די זשעטלער באַר און אַרענדע און געווען פון די גרינדער פון די זשעטלער חובבי-ציון, דערנאָך אַריבערגעפאָרן קיין פּאַלעסטינע, וואו ער איז אויך געשטאָרבן.

אשר שושן. אַ מלמד. באַקאַנטער העברעאיס-קענער, בעל-דקדוק, גלענצנדער קענער פון דער אַלטער העברעאישער ליטעראַטור, מחבר פון „מעשה שושן" — אַ ביאור אויף חומש און תנ"ך.

---

צום סוף וויל איך דערמאָנען דעם ביז גאָר כאַראַקטעריסטישן שטריך אין דעם לעבן פון דער יידישער זשעטל. דאָס איז דער הילכיקער פייף פון דער עלעקטרישער סטאַנציע אַלע פרייטאָג פאַרנאַכט. דער פייף חזרט זיך איבער צוויי מאָל: אויף שליסן די קראָמען און דערנאָך אויף ליכט-בענטשן. דערזעלבער פייף זאָגט אָן די צייט פון ביעור-חמץ וכדומה.

א. איוועניצקי.

סעפּטעמבער 1926.

# פון זשעטלער נאָענטסטער פאַרגאַנגענהייט.

ווי באַוואוסט, האָט בשעת דער דייטשער אָקופּאַציע די באַפעלקערונג פון גאַנצן אָקופּירטן געביט זיך שטאַרק גענייטיקט אין „מזון חמרי". אין דער הינזיכט איז זשעטל ניט אָפּגעשטאַנען פון די אַלע איבעריקע שטעט און שטעטלעך פון אָקופּירטן געביט און ס'קען זיין, אַז עס האָט זיך נאָך מער גענייטיקט צוליב דעם, וואָס דער גאַנצער בריוגעבער פון שטעטל — דער דייטשער קרייזאַמטמאַן — איז געווען פון די מענטשן, וועלכע „אומרים הרבה ועושים מעט" און צוליב אַזעלכע מעלות זיינע האָבן אים די היגע יידן אונטער די אויגן אויף שפּאַס געגרייכט מיט דעם נאָמען: „מפליא לעשות". אין דעם ערשטן טאָג פון יעדן חודש פלעגט ער דאַרפן אַרויסגעבן דעם היגן בירגער-קאָמיטעט אַ באַשטימטע צאָל קאָרן און אַנדערע פּראָדוקטן פאַר דער היגער באַפעלקערונג, לויט דער רעכנונג עס זאָל אויסקומען צו האַלב פונט ברויט טעגלעך אויף אַ פּערזאָן. נאָר דער דייטש, אַנשטאָט אַרויסצוגעבן די לעבנספּראָדוקטן דעם ערשטן טאָג פון יעדן חודש, פלעגט ער אָפּציען עטלעכע טעג און ביים אַרויסגעבן די פּראָדוקטן פלעגט ער ערקלערן, אַז פאַר די עטלעכע איבערגעגאַנגענע טעג וועט ער אַראָפּרעכענען פון די פּראָדוקטן, ווייל די באַפעלקערונג האָט דאָך די צייט איבערגעלעבט, בכן נייטיקט זי זיך שוין ניט אין די פּראָדוקטן. געוויינלעך זיינען די מיטגלידער פון בירגער-קאָמיטעט ניט געווען מסכים אויף אַזאַ זאַך און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ דינגעניש צווישן זיי און דעם קרייזאַמטמאַן, און דער סוף פלעגט זיין, אַז דער אוחז ביד איז פאָרט געווען תקיפער און ער, דער קרייזאַמטמאַן, פלעגט פאָרט עפּעס אַראָפּרייסן.

דערפאַר אָבער איז די יידישע באַפעלקערונג דאָ געווען זאַט מיט מזון רוחני. עס איז נאָך קיינמאָל דאָ אַזאַ שטרעבונג צו קולטורעלע ענינים צווישן דער יידישער באַפעלקערונג ניט געווען, ווי אין יענער הונגעריקער צייט. אויסער די פיל דייטשע ביכער און דער ביאַליסטאָקער צייטונג (געדרוקט אין דייטש, פּויליש און יידיש), וועלכע די דייטשע מאַכט האָט געטיילט אומזיסט צווישן דער באַפעלקערונג און וועלכע דער עולם האָט געלייענט מיט גרויס חשק, האָט דאָן די יידישע יונגוואַרג געעפנט צוויי לאָקאַלן, איינער פון דראַמאַטיש-ליטעראַרישן פאַראיין און דער צווייטער פון די ציוניסטן. די מיטגלידער פון דעם ערשטן לאָקאַל זיינען באַשטאַנען מערסטנטייל פון יונגע אַרבעטער, און פון צווייטן לאָקאַל, אויסער די ציוניסטן, כמעט פון די אַלע באַלעבאַטישע איינוואוינער פון שטעטל. ביידע לאָקאַלן האָבן געהאַט זייערע ביבליאָטעקן, פלעגן יעדן אָוונט באַזוכט ווערן פון יידישע לעזער און לעזערינס, וועלכע פלעגן נעמען אַ היים ביכער צום לייענען אָדער מען פלעגט לייענען דאָרט אויפן אָרט. אויסער דעם, פלעגן דאָרט פאָרקומען פאָרלעזונגען, ליטעראַרישע דיסקוסיעס וכדומה. איבערהויפּט האָט דער עולם באַזוכט דעם ציוניסטישן לאָקאַל, וועלכער איז געווען אין רעכטן צענטער פון שטאָט. יעדן פרייטאָג צו נאַכט פלעגן דאָרט פאַרשיידענע רעדנער פון דער היגער אינטעליגענץ האַלטן רעפעראַטן וועגן אַלערליי לעבנספראַגן, דער עיקר וועגן ציוניזם, און פאַרענדיקן דעם אָוונט פלעגט דער שרייבער פון די שורות, וועלכער פלעגט פאַרלייענען פאַרן עולם אייגענע אין יידיש פאַרפאַסטע שירים געשריבן אין אַ הומאָריסטישער שפּראַך. יעדן שבת צו נאַכט פלעגט פאָרקומען אין לאָקאַל אַ קעסטל-אָוונט. די אָנפירער פון ציוניסטישן לאָקאַל פלעגן נאָך אַרויסגעבן וועכנטלעך אַ געשריבענעם זשורנאַל אונטער דעם נאָמען „החבר" מיט ליטעראַרישע אַרטיקלען און ספורים אין העברעאיש און יידיש. דאָרט איז אויך געווען אַ הומאָריסטישע אָפּטיילונג אין יידיש. אין דער ראַזיקער אָפּטיילונג האָט זיך מערסטנטייל אָפּגעשפּיגלט דאָס לעבן אין דער אָקופּאַציע-צייט. צוליב טעכנישע טעמים איז דער „חבר" אַרויסגעגעבן געוואָרן אין איין עקזעמפּלאַר און מען פלעגט אים אין לאָקאַל פאַרלייענען פאַרן פּובליקום. אין אַ שׂרפה, וואָס איז אַנטשטאַנען בעת די פּוילישע מאַכט איז שוין דאָ געווען, זיינען פאַרברענט געוואָרן די אַלע נומערן פון „החבר" און מיט זיי אויך די שטרעבונג פון דער היגער יונגוואַרג צום קולטורעלן לעבן, ווייל פון דעמאָלט אָן זיינען בטל געוואָרן די לאָקאַלן און די היגע יונגוואַרג זאָרגט איצט ווייניק וועגן זייער צוריקשטעלונג.

* * *

אונזער שטעטל, אויסער דעם וואָס זי האָט אַרויסגעגעבן דאָקטוירים און אינזשינערן (די ברידער נאַמיאָט), האָט אויך אַרויסגעגעבן מחברים פון ספרי השכלה און מוסר און זשורנאַליסטן. צו די משכילים האָבן געהערט מנחם מענדיל מערלינסקי (דער שוויגערפאָטער פון ביאַליסטאָקער ליטעראַט פּסח קאַפּלאַן), וועלכער איז הי געווען אַ צייט יאָרן אַ לערער, נאָכדעם איז ער אַרויסגעפאָרן אין לאָדז און אויסער לערעריי האָט ער זיך אויך באַשעפטיקט מיט ליטעראַטור; אברהם בן-אביגדור שאַלקאָוויטש; יהושע איינשטאַט-ברזילי.

פון די אָרטאָדאָקסישע מחברים איז דאָ געווען איינער אַ געוויסער אשר ווייכנעס (שושן). זיין פרוי ווייכנע איז געווען אַן אשת חיל. זי האָט אַליין געפירט איר קראָם און די אַכסניה און דער מאַן איז געווען אַ יושב אוהלניק. ער פלעגט שטענדיק זיצן און בית-המדרש איבערן בלאַט גמרא און דערצו האָט ער גוט געקענט דעם תנ"ך און די

אַלע ספרי דקדוק. ער האָט געהאַט אַ נאָמען פאַר אַ גרויסן „בעל מדקדק". אויף די עלטערע יאָרן איז ער געוואָרן אַ מלמד. מיט זיינע תלמידים האָט ער געלערנט דקדוק און תנ"ך, וועלכן ער האָט פאַרטייטשט מיט אייגענע פשטלעך. קורץ פאַר זיין טויט האָט ער אַרויסגעגעבן אַ ספר אונ־טער דעם נאָמען „מעשה שושן" באורים והערות על תנ"ך.

נאָך מער פאַר אים האָט זיך אין אונזער שטעטל אויסגעצייכנט מיט זיינע חבורים סאַניע דער מלמד (נתנאל פּאַצאַווסקי). ער איז געווען אַ מקרא ודרדקי מלמד. אין די עלטערע יאָרן האָט ער זיך גענומען צום שרייבן ספרי מוסר. פון זיי איז די באַוואוסטסטע „משיבת נפש" און „אמונת התחיה" (וועגן תחית המתים). דערצו איז ער אויך געוואָרן אַ מגיד און איז אַרומגעפאָרן איבער פאַר־שיידענע שטעטלעך, וואו ער האָט געזאָגט אין די בתי־מדרשים הייסע דרשות, אין וועלכע ער האָט געמוסרט דעם עולם און דערצו פלעגט ער פאַרקויפן זיינע ספרים, וועלכע דער המון האָט געקויפט מיט גרויס חשק, און אין פיל שטעטלעך האָבן זאָגאַר בעלי־מלאכות געגרינדעט חברות צו לער־נען אין די קלויזן בין מנחה למעריב דעם „משיבת נפש". ער איז געשטאָרבן הי פאַרן קריג.

זיינער אַ ברודער מיכל דאַנטשיקס (פּאַצאַווסקי) איז אויך דאָ געווען אַ מקרא ודרדקי מלמד. ער האָט זיך איבערגעגעבן צום לערנען ספרי קבלה, פון וועלכע ער האָט געהאַט אַ היפשע ביבליאָטעק. אַ צייט מיט יאָרן האָט ער מחבר געווען און גע־שריבן אין אַ שיינער קאַליגראַפישער שריפט אין האַלב רונדע שורות ספרי קבלה, נאָר צוליב אָרעמקייט האָט ער ניט באַוויזן פאַר זיין לעבן זיי אָפּצודרוקן און זיי זיינען ערגעץ פאַרבליבן.

• • •

צווישן די 4 זקנים, וואָס זיינען פאַ־ראַן אין אונזער שטעטל: מאיר דער רעליזאַנס (אָרלינסקי, 100 יאָר אַלט), אָרע דער סטאָלער (נאָמיאַס), נח אליהו דער מלמד (לעוויט) און אריה דער קלעזמער (לעוויט), וועלכע האָבן אַן עין־הרע גאַנצע אָרמעען פון זין, טעכטער, שניר, איידעמס, אייניקלעך און אוראייניקלעך, פאַרדינט די אויפמערקזאַמקייט דער לעצ־טער פון זיי.

אריה איז איצט אַ בן תשעים וחמש. ער איז נאָך מיט אַלע חושים און זעט אויס ניט אַלט. אויסער קלעזמעריי באַשעפטיקט ער זיך אויך מיט מוליאַרקע. כמעט אַלע היגע מויערן האָט ער אויסגעפוצט און האָט אין זיי אויוועלעך געמאַכט. ער טוט נאָך איצט אויך די מוליאַרקע אַזוי ווי אין די יונגע יאָרן און שפּילט אויך אויף חתונות. ביים באַזעצן דער כלה אָדער פירן איר צו דער חופה שפּילט ער נאָך היינט אויך מיט אַ פרישקייט און אַ געפיל אויפן פידל די זעלבע נגונימלעך, וועלכע ער האָט געשפּילט מיט 75 אָדער 80 יאָר צוריק און הערנדיק זיי, פאַרגעסט מען זיך ניט ווילנדיק אויף אַ ווײַלע פון דעם איצטיקן קריזיס און מען דערמאָנט זיך אָן די אַלטע, גוטע צייטן.

ער פאַרשטייט אויך די אַזוי־גערופענע קלעזמער־שפּראַך*), וועלכע האָט זיך אירע אייגנאַרטיקע אויסדרוקן. [צום ביישפּיל: אַ כאַלדאַט רופט זיך „אַ מענטע", אַ היטל „קאַטרע", פלייש „ספּיאַכע", אַ שנאַפּס „ליאַמע", אַ מיידל „שיכטאָע", אַ כלה „לאַקמענע", אַ ווייבל „קאַיעמטע". זיי האָבן זאָגאַר גאַנצע אויסדריקן, למשל: „די קאַיעמטע ביליעט ניט אין שיהיי" (דאָס ווייבל גייט ניט אין מקוה) און נאָך אַזעלכע].

**יוסף וויניעצקי**)**.

נאָוועמבער 1926.

*) פאַרגלייך שלום־עליכם'ס „סטעמפּעניו", קאַפּיטל III. רעד.

**) ה׳ יוסף וויניעצקי, דער מחבר פון דעם אַרטיקל (געשטאָרבן אין יאָר 1929 אין עלטער פון איבער 60) האָט געהערט צו די זשעטלער מערקווירדיקסטע טיפּן. די לעצטע יאָרן געלעבט פון אַ ירושה פון אַן אַמעריקאַנער שוועסטער. צוליב דער דאָזיקער ירושה טאַקע האָט ער אויף די עלטערע יאָרן מיט דער הילף פון ווערטערביכער אַליין זיך צוזאַמענ־געשריבן אויף ענגליש מיטן אַמעריקאַנער געריכט, אַדוואָקאַטן א. אַז. וו. און האָט זיינס אויסגעפירט. ביז דער ירושה האָט ער געלעבט פון שרייבן „פּראָשעניעס", אַדרעסן וכדומה. האָט איבערגעזעצט קריי־לאָוון אויף יידיש און געווען זיין „ווערק" אייניקע יידישע ליטעראַטן אויף מבינות און אפילו געפאָרן צוליב דעם קיין וואַר־שע אין ליטעראַטן־פאַראיין אַריין. אַרויס־געגעבן האָט ער די איבערזעצונג ניט.

בכלל איז ער געווען אַ ייד אַן אָפּ־געזונדערטער, אַ גרויסער אָריגינאַל, מאַ־טעריעל אינגאַנצן אומאָפּהענגיק.

אין זשעטל איז ער חוץ דעם געווען באַקאַנט מיט זיין גרויסן מאַרטירערטום פאַרן קלאַרנעט, אויף וועלכן ער האָט „געשפּילט" אַ יאָר פינף אין צוואַנציק און האָט ביזן לעצטן טאָג געלאָזט הערן זיין קול אַלע פאַרנאַכט איבערן גאַנצן מאַרק, וואו ער האָט געוואוינט אין אַן אייגענעם מיי־רל. ער איז נאָך געווען באַקאַנט מיט זיין גרויסער ליבע צום וועלאָסיפּעד. איז געווען אַן אַלטער טוער פון דער זשעטלער „פּאָזשאַרנער קאָמאַנדע". האָט זיך גערעכנט אַלס אַ גרויסער „זשעטל־קענער".



זשעטל
אריה דער קלעזמער
(אין יאָר 1929 אַלט 98 יאָר. שפּילט אויף דער פידעלע ווי געווען און פאַרנעמט זיך מיט מולאַרקע און טעפּעריי).

# זשעטלער פאָלקלאָר.

**צונעמענישן.** צונעמענישן ווערן געברויכט אין זשעטל אין גאָר אַ ברייטן מאַסשטאַב, דהיינו: יאָשע דער האָרטער: צוליב זיין עקשנות. משה'קע דער קינדערמאַכער: אַ שוס־טער, וואָס האָט זיך פאַרנומען דורכאויס מיט קינדערשע שיכלעך, אַגב, געבענטשט מיט אַ סך קינדער און קינדערלעך. חיים אבדושיראַק: בירושה פון טאַטן. ברוך־מרדכי דער קיסר: פון פאַך אַ שוסטער. דערנאָך אַ שמש פון אַלטן בית־מדרש. אַן אַלטער ייד, שטאַלטיק, מיט אַ שיינער, גרויער באָרד. האַלט זיך קאָרעקט, מיט זעלבסטוויערט, גאָרניט, ווי אַ קליינשטעטל־דיקער שמש, אָדער אָרעמער שוסטער, וואָס ער איז בפועל. די קינדער הייסן — פון דער צאַרסקער פאַמיליע. הערש די באָרד: אַ פּשוטער ייד אַ מעלער מיט אַ לאַנגער, ברייטער, גרויער באָרד. געשטאָרבן. זיידקע די מאַמע. הערצל — די באָבע, דערזעלבער — די מיידל. אַ סאַג־אַרבעטער. צוליב זיין דער־מאָנען אָפּט די באָבען. די מיידל — צוליב זיין שעמעוודיקייט. אַרעלע טאַט־קאַשע. לייזער די באַמבע. משה דער גאָט: פאַר זיין שטייפקייט און גרויסע זעלבסטאַכטונג. די געסער: צוויי ברידער צייכענען זיך אויס מיט דיזעלבע מדות. ישיע די קאַץ און אַ גאַנצע פאַמיליע מיטן צונעמעניש די קעצע־לעך. חיים דער אָקס. יאָסל דער פישער. בערל שמאַלץ. חיים־לייזער די לאַך — ווען ער האָט זיך אויסגערופן אַלס חתן אין בית־המדרש האָט אים די כלה פון ווייבערשן בית־המדרש געזאָגט, צי ער זעט איר דורכן לאָך, אויף וואָס ער האָט געענטפערט — יע.

„דער פּוסטער פאַראַטשיק", „דער טשאָלנט־טאָפּ", „דוד המלך", „וואַווע מיט די וואָנצן", „שמעון באָק", „משה קאָזיאָל", „דוד דער ענדיק", „די באַרסוקעס", „די סקוראַלאַפּעס", „דער אָקס", „דער סמאַראָוואָזניק", „דער קרופּניק", „דער שנוק", „די קוריצע", „קליש", „די דייזשע", „די שמאַלצאָווע", „חנה די נייע" און פיל אַנדערע.

צונעמענישן, מיט וועלכע די זשעטלער רופן אָן די איינוואוינער פון די אַרומיקע שטעט: „לי־דער פּיאַניצעס", „ביעליצער גנבים", „סלאָנימער נאַראָנים", „קאָזלאָוושטשינער ציגן", „דוואָרעצער קיסקעס", „מייטשעטער זויערמילך".

**שפּריכווערטער.** „ער איז אַ „שמעיה בעל פּרנסה" (אַ קונה הכל), „ביי אים אויף חתונה זיי־נען געווען „הערצעלע טשיזיקס, יאָסעלע פּיזשיקס" (ד. ה. ניט אַזעלכע מיוחסים), „אָרעמאַן זופּ יויך", „קוש אַבעלע דעם גאָלן, וועט זיך דיר ווייטער

וועלן", „ער איז אויך ניט פון די צוויי א דרייער", „גאַ דיר א באַנדע", „האַק שמאַיע אויף דאָס ביי", „ער איז אַן אָרימאַן מיט א טאָרבע פלעקער", „א מעשה אָן אַן עק, א קוואַרט אָן א דעק", „געלעבט ווי אין אָרעט, געשלאָפן ווי אין קאָזלוויסטשיזנע" (א קליין שטעטלע ביי זשעטל), „פאַרפאַלן ווי אין א גענזישע לאַך", „מעגסט צושפרונגען ווערן ווי א באַרג", „ער איז אָבער אויך ניט יאַשקע דיראַק", „א קאַץ איז געפלויגן איבערן דאַך און געלייגט אַן איי" (ניט קיין ריכטיקע מעשה), „ווען טשוועקעס וועלן בליען", „דאָס זנאַטשעט ביי אים ווי ביי א פערד א פּירעזשקע", „ער האָט אַזאַ דעה ווי ליסקע ביי קהל", „ער זעט אויס ווי א קאַץ אָן א פאַרטעך", „דאָס איז מיר א שפּרונג פון האַלאַוולי קיין זעלווע" (א דערפל ביי זשעטל אין קעגנזייטיקן ריכטונג פון זעלווע), „ער זעט אויס כמלך בגדוד, ווי א הונט אין קראַפּעווע", „קוש א בער אונטערן עק".

**ווערטלעך.** אין זשעטל האָבן זיך איינגעבירגערט אייניקע ווייסרוסישע פאָלקס־ווערטלעך, וועלכע קענען פאַררעכנט ווערן צוליב זייער אָפטן געברויך צום יידישן פאָלקלאָר. אָט זיינען אייניקע:

ז א וו א ל י ד ר א ה ו — א פערזאָן, וואָס פאַרנעמט אומזיסט, אומניציק, אַן אָרט, א פּאָסטן א. אַז. וו. גייט ניט אוועק און לאָזט קיין אַנדערן ניט צו.

ס ו א י א ש ע ר מ י א ז ש ק א נ י ע ט ש א ז ש ק א (אייגענע שערמיקע איז ניט שווער) — אַן אייגענע זאַך איז ניט שווער. דאָס ווערט, דער עיקר, באַנוצט בנוגע קינדער.

ש ט ש ע ה א ר ש פ א מ י א ר — (נאָך ערגער ווי געשטאָרבן) א איראָניע. דער זין — ניטאָ וואָס צו פאַרלירן.

נ י ע ד א י ב א ך מ ו ז ש י ק ו פ א נ א ם ב י ט — אַנגענומען אומעטום, אויך ביי אונז.

מ א י א ד י ע ל א ס י ע ל י א ט ש י ע — פ א ד י ע א ו ד א א ו כ ל י ע ו ו (מיין עסק איז א קעלבערנער — צוגעביסן און — אין שטאָט). ווערט באַנוצט בנוגע א מגושמדיקן מענטשן, וואָס איז גלייכגילטיק אָדער האָט ניט קיין פאַרשטענדעניש פאַר געזעלשאַפטלעכע אָדער בכלל גייסטיקע ענינים.

**אָרטיקע שפּראַך־אויסדרוקן.** ס א י מ י ר ט ו ט ו ו י י — אַנשטאָט: ס׳טוט מיר וויי. א י ז ד ז ו ש ע ק — חוזק; א י י ז ן ־ ק ל ו ג — זייער קלוג א. אַ. וו. צ ו ב ו ט ש ק ע ט — צעקלאַפּט זיך. ביזקל — ביז. אַנשטאָט ביז, זאָגט מען ביזקל.

א מיידל, א ווייבל — קאַנאַסטע (פאָלקס־לשון).

א נאַר — פריישאַג־פאַרנאַכטיקער, טינטער.

א סלוזשיטעל (אָנגעשטעלטער) איז געגליכן צו א וואָראָנע, וואָס שפרינגט פון א חזיר אויף א חזיר.

ס׳אַ דאגה — ביז נייע בולבע וועסטו, וועל איך דערציען.

א ישיבה־בחור איז געגליכן צו בולבע: וואָס מען וויל מאַכט מען פון אים.

**קללות.** מ י ט ן ק א פ א י ן ד ר ע ר ד, מ י ט ד י פ י ס א י ן ק ל ו י ס ט ע ר.

* * *

שמחת־תורה זאָגט דער חזן „אין כאלהנו" אויף יידיש, און דער עולם זאָגט נאָך דעם אָריגינעלן טעקסט.

ערב יום־כפור און ערב הושענא־רבא איז אין זשעטל א מנהג צו עסן פּירעזשקעס.

# אַ ל ק ע נ י ק

(אַ שטעטל מיט לעגענדעס).

I.

די שטעטל „וואַלקעניק", אָדער ווי מ׳רופט איר איצט „אַלקעניק" *) איז זייער אַן אַלטע שטעטל. אויף איר גרויסן בית־עולם, וואָס געפינט זיך הינטערן שטעטל, זיינען פאַראַן מצבות נאָך פון ש״ן 1590.

אַלקעניק איז ווייט פון ווילנע 59 קילאָמעטער און געהערט צו ווילנער־טראָקער קרייז, ווילנער וואָיעוואָדסטווע.

אַמאָל האָט זי אויך געהערט צום ווילנער גליל, און דער לעצטער רב פון ווילנע ר׳ שמואל איז דאָרטן געווען גליל־רב.

אין שטאָט געפינט זיך נאָך עד־היום אַן אַלטער פּנקס, אין וועלכן אייניקע תקנות זיינען נאָך פאַרשריבן אייגנהענטיק פון ר׳ שמואל מיט זיין אונטערשריפט פון יאָר תקמ״א (1781). צווישן די פיל תקנות איז פאַראַן, למשל, א תקנה, אַז ווען איינער מאַכט זיך א נייעם בגד, איז ער מחויב א פּראָצענט פון די קאָסטן פון נייעם בגד געבן אויף דער חברה „גמילות חסד", אויף צו דינגען מלמדים פאַר אָרימע קינדער צו לערנער מיט זיי. עס איז געווען א הרם אויפן שניידער, אַז ער טאָר ניט אַרויסגעבן דעם בגד, ביז וואַנען דער בעל־הבית צאָלט ניט איין דעם פּראָצענט אויף דער חברה.

אין פּנקס געפינט זיך אויך א ראַקומענט וועגן דער איבערבויאונג פון דער אַלטער שול, פון יאָר תקס״א (1801).

אין שטעטל גייט אויך אַרום א לעגענדע צווישן די זקנים, אַז איינמאָל איז דער רב ר׳ שמואל געגאַנגען שפּאַצירן אין אַלקעניק מיטן ווילנער גאון ר׳ אליהו. קומענדיק אויפן בריק פון דער מערעטשאַנקע, האָט זיך אָפּגערופן דער גאון צו ר׳ שמואלן און געזאָגט, אַז אַלע פיש כמעט האָט ער שוין געזען, נאָר איין פיש (דעם לאַקס) וואָלט ער נאָך ווילן זען. ווי דער גאון האָט עס נאָר אויסגערעדט, איז דער פיש גלייך אַרויסגעשוואומען אויף דעם אויבערפלעך פון וואַסער, און דער גאון האָט אים גוט באַטראַכט.

אין אַלקעניק געפינט זיך אַן אַלטע הילצערנע וואונדערבאַרע שול **), פון די איינציקע אין פוילן מיט אירע שיינע שניצונגען און אַרכיטעקטור. זי איז איבערגעבויט געוואָרן אין יאָר תקס״א (1801) דורך די קינסטלער ר׳ מרדכי און זיין ברודער גרשון.

וועגן דער ראָזיקער שול זיינען פאַראַן זייער פיל לעגענדעס. אייניקע פון זיי וועל איך דאָ ברענגען.

אין שול איז דאָ א וואונדערבאַרער אָרון־קדש, וואָס אין די טירלעך זיינע איז געמאַכט געוואָרן א לוח ביזן סוף אלף הששי, מיט די מולדות, קביעות א. אַז. וו. ווי אויך א ביאור און א באַזונדערן מעכאַניזם, ווי אַזוי אָנשטעלן דעם לוח. דער לוח איז פאַרפאַסט פון ר׳ יעקב ב״ר שלמה מראַסיין.

דער אָרון־קדש איז אויך באַצירט ביי די זייטן מיט פיל פאַרשיידענע שניצונגען: בלומען, הירשלעך, טויבן און לייבלעך, און אינמיטן א לויתן, וואָס האַלט דעם עק אין מויל. דערנאָך האַלטן צוויי לייבן די לוחות און אויף זייערע קעפּ א קרוין מיט די ווערטער „כתר תורה". דערנאָך דער באַרג סיני. נאָכן באַרג סיני, הענט פון א כהן צום דוכנען, און אויבן א קרוין מיט די ווערטער „כתר כהונה". דערנאָך א גרויסער אָדלער, וועלכער האַלט אין איין האַנט א לולב, און אין דער אַנדערער אַן אתרוג, און אויף זיינע 2 קעפּ האַלט ער א קרוין מיט די ווערטער „כתר מלכות", און אין מיטן לעבן די פליגלען די ווערטער „שויתי ה׳ לנגדי תמיד".

אויפן מזרח־וואַנט רעכטס לעבן אָרון־קדש געפינט זיך נאָך אַן אויסגעשניצטער „שויתי" מיט צוויי לייבעלעך ביי די זייטן, און אינמיטן פיל פאַרשיידענע פּסוקים, י״ג מדות התורה, י״ג עקרים, אויך פאַרשיידענע שמות פון ספרי קבלה און זהר. מ׳זאָגט, אַז דאָס איז א מין קמיע, א סגולה צו א שרפה. אין שטעטל איז שוין פאָרגעקומען פיל שרפות, די גאַנצע שטעטל איז אָרעם, און די שול איז געבליבן גאַנץ.

מען דערציילט אויך, אַז איין לייבעלע פון „שויתי" האָט געמאַכט דער מייסטער, וועלכער האָט געשניצט דעם אָרון־קדש, דעם אַנדערן לייבעלע האָט געמאַכט זיין געהילף.

אַז דער מייסטער האָט געהאַלטן ביים שטאַרבן, האָט ער פאַרבעטן די פּרנסים פון קהילה און זיי געזאָגט פאַרן טויט, אַז דער, וואָס וועט מאַכן דעם צווייטן לייבעלע ריכטיק ווי דעם ערשטן, דעם זאָל מען אויך ערלויבן צו מאַכן די בימה. און עס האָט זיך זיין געהילף איינגעגעבן צו מאַכן דעם צווייטן לייבעלע פּינקטלעך ווי דעם ערשטן, און דעריבער האָט ער געהאַט די זכיה צו מאַכן די בימה, וועלכע איז אויך א גרויסע קונסטווערק, מיט איר אַרכיטעקטור, זעלטענע שניצונגען, מיט אירע שיינע געבויגענע אַרקען, און מיט אירע הויכע 8 זיילן. אויפן שפּיץ פון דער בימה שטייט א גרויסער פּוילישער אָדלער. אין איבערן בימה אין דער הייך לעבן באַלקן געפינט זיך א גאַלעריי, אויף וועלכער מען גייט אַרויף דורך שווינדל־טרעפּ. שמחת־תורה צו די הקפות פלעגן אַרויפגיין אַהין דער חזן מיט די משוררים, וועלכע פלעגן זינגען זייער שיינע נגונים, און דער

*) אויף ליטוויש הייסט זי „וואַלקעניקאַס", אויף פּויליש „אָלקעניקי", דאָסזעלבע אויף רוסיש. ס׳גייט אַרום א לעגענדע ביי די זקנים, אַז דעריבער הייסט זי „אַלקעניק", ווייל אַמאָל האָט דאָ געוואוינט א קעניג און די שטאָט איז געווען א פעסטונגס־שטאָט. די אַרומיקע דערפער זיינען עס גאַסן, פאָרשטעטלעך, וואו עס האָבן געוואוינט אין יעדער איינער באַזונדערע מינים בעלי־מלאכות, ווי שניידער, שוסטער, שמידן און עד־היום הייסן אַזוי אַנדערע דערבייאיקע דערפער ווי „טשאַרני קאָוואַל" א. אַז. וו.

**) די פאָטאָגראַפיעס פון דער שול געפינען זיך אין מוזיי פון דער ווילנער היסט.־עטנאָגר. געזעלשאַפט.

אין דער „יעווו. ענציקלאָפּ." באַנד XII זיינען רעפּראָדוצירט: דער אויסערלעכער אויסזען פון דער שול, די בימה, דער אָרון־קדש און דער פּרכת.

ר ע ד.

גאנצער עולם פלעגט טאנצן מיט די ספרי תורות מיט גרויס שמחה.

דעם ארון-קדש האט מנדב געווען ר׳ יוסף ב״ר טוביה מלייפון ואשתו דבורה פאר א מקום אויפן בית-עולם פאר זייער טאכטער חיה. וועגן ר׳ יוסף מלייפון דערציילט מען, אז ער איז געווען א גרויסער עושר. ער האט געהאלטן אין ארענדע א קרעטשמע ביים פריץ לעבן לייפון, און געהאט ביי די איבעריקע פריצים פון יענעם געגנט אויך גרויס חן צוליב פאלגנדער געשיכטע:

איינמאל האט זיין פריץ צונויפגערופן אלע פריצים פון זיין געגנט אויף יאגט ביי זיך אין די וועלדער. האט זיך געמאכט, אז איין גרויסן בער האט קיינער פון זיי ניט געקענט כאפן. מען האט עס דערציילט דעם ארענדאר. איז ער ארויס אין דעם בער גלייך דערשאסן. פון דענסטמאל אן האבן אים אלע פריצים זייער ליב געקראגן און אים אנגעטרויט אלע זייערע געשעפטן, פון וואס ער איז געווארן זייער רייך. ער איז טאקע געווען א גרויסער גבור, א הויכער, ממש א ריז. אויסער זיינע עשירות, איז ער אויך געווען א גרויסער בעל-צדקה און זיך מחתן געווען פון גרויסן יחוס.

אויף דער אנדערער מזרח-וואנט לינקס געפינט זיך אן אלטער גרייסער מעשענער טאץ אויסגעהאמערט מיט שיינע בלומען און ארץ-ישראל-דיקע פרות, ווי אויך 2 רערן אויף אריינצושטעלן אין זיי ליכט.

אויפן כופיט איבערן ארון-קדש געפינט זיך א ציור פון א פאלאץ. וועגן דעם ציור דערציילט מען פאלגנדעס: דער פריץ פון שטעטל גראף גראנאווסקי האט געשאנקען געהילץ אויף אויסצובויען די שול, האט ער דערייבער געוואלט מען זאל דארט אויסהענגען זיין בילד, נאר אזוי ווי א בילד טאר מען דאך אין א שול ניט אויסהענגען, האט מען אויסגעמאלט אויפן כופיט זיין פאלאץ.

מען דערציילט אויך, אז דערזעלבער פריץ פלעגט אפט אויסשטיין פארטאג און טרייבן די יידן פון זיין גוט אין שול אריין דאווענען.

דעם הייכן סופיט האלטן אויף זייערע קעפ 4 דיקע זיילן, אויף וועלכע עס זיינען אנגעקריבן פארשיידענע תפלות. אויף איינעם פון די זיילן געפינט זיך אויך זייער אן אלטער בלעך מיט א פויליש אדלער און מיט פארשיידענע תפלות.

אויף דער מעריב-וואנט לעבן טיר ביים ארויסגאנג איז אנגעשריבן דער „אני מאמין״ פון רמב״ם.

אויף דער אנדער זייט פון דער מעריב-וואנט לעבן טיר איז אפגעפארבט אויף שווארץ „זכר לח׳רבן״ ווי אויך איז אנגעשריבן די „ברכת אבלים״. עס איז דארט א מנהג עד היום, אז פאר „מזמור ליום השבת״ קומען די אבלים אריין אין שול, זעצן זיך אויף א באנק לעבן דער דאזיקער וואנט, און די גאנצע שול מתפללים גייט זיי מקבל פנים זיין און זאגן די „ברכת אבלים״.

אין צפון-וואנט פון דער שול געפינט זיך א מילה-טיר פון עזרת-נשים, ווייל עס איז אמאל געווען א מנהג, אז אלע בריתן פלעגן פארקומען אין שול. דורך יענער טיר פלעגט אריינגיין די יולדת מיטן ילד צום ברית. איבערן טיר איז אנגעשריבן די ווערטער „ברוך הבא״. אין שיל געפינט זיך נאך עד היום אן אלטער „כסא של אליהו״. אין שול שטייען נאך עד היום אנטקעגן דער מזרח-וואנט צוויי „זאמד-טישן״, אויף וועלכע עס געפינט זיך א קאסטן מיטן זאמד, וואו מען באהאלט די „ערלות״ פון די בריתן. די טישן באנוצט מען אויך יום-כפור אויף אריינצושטעלן דארט די גרויסע נשמה-ליכט. דארט געפינט זיך אן אלטע חופה געמאכט פון א פרכת.



אין שול געפינט זיך אויך אן אלטער פרכת, וועגן וועלכן מען דערציילט פאלגנדע געשיכטע: אין יאר 1812, ווען עס איז פארגעקומען די פראנצויזיש-רוסישע מלחמה, האט נאפאלעאן מיט זיין סוויטע דורכגעריטן אלקעניק. דערזעענדיק די וואונדערבארע שול, איז ער זייער נתפעל געווארן און געזאגט: איך וויל לאזן דער שול א מתנה. נאר היות ווי ער האט ביי זיך גארנים געהאט, האט ער פון זיין זאטל אראפגענומען דעם דיוואן און געבעטן מאכן דערפון א פרכת. אויפן פרכת איז אויסגענייט פון גאלד און זילבער 4 קרוינען, און אין די קרוינען איז אויסגענייט די ווערטער מיט גאלד „בלאריא פאטריע״, ד. ה. צום רום פון פאטערלאנד.

ס׳זיינען אויך אויסגענייט מיט גאלד און זילבער פארשיידענע כלי-מלחמה, ווי א פאן א. אז. וו. ווי אויך מוזיקאלישע אינסטרומענטן. ס׳איז אויך געווען אויסגענייט מיט גאלדענע אותיות דאס ווארט „נאפאלעאן״. נאר איינער פון די באזוכער האט עס אראפגענגבעט.

דעם פרכת האט די צארישע מאכט שוין פיל מאל געוואלט אראפנעמען, נאר א דאנק די מסירת-נפש פון דעם אלטן שמש ר׳ הירש-מאיר ראבין איז דער פרכת איינגעהיט געווארן ביז היינטיקן טאג.

דער שטאט-שמש ר׳ הירש-מאיר איז געווען ביז יאר תרפ״ה אויך קאזיאנער ראבינער. די די ביידע שטעלעס איז אים איבערגעגאנגען בירושה פון זיין פאטער. זיין זיידע איז געווען דער קייראנער עלוי הקדוש ר׳ אברהם אליעזר און עלטערער ברודער פון געוועזענעם ירושל׳מער רב ר׳ שמואל סאלאנט ז״ל. איינמאל ערב פסח איז ער געגאנגען טובלען כלים אין טייך, האט זיך איינגעבראכן דער אייז און ער איז דערטרונקען געווארן. זיין מצבה פון יאר תקצ״א געפינט זיך אויפן בית-עולם.

אין שול געפינען זיך אויך 2 מעשענע הענגלייכטער מיט אדלערס, אויך פארשיידענע שיינע קאנדעליאבערס.

גרויסע מחלוקות האבן אויסגעבראכן אין אלקעניק אין די צייטן פון רב ר׳ אבא יוסף.

הרב ר׳ אבא יוסף ב״ר עוזר הכהן טריווש ז״ל איז א חוץ א גרויסער למדן אויך געווען א מקובל און א ספרא-רבא, און זיך אויסגעצייכנט מיט זיינע מדות טובות. ער איז געווען א גרויסער יחסן. זיין שלשלת היחס איז דערגאנגען ביז רש״י. ער איז געווען א ברודער פון מפורסמדיקן ווילקיער רב ר׳ הלל דוד הכהן טריווש, רעדאקטאר פון רבנישן מאסף „הסגנה״.

מ׳האט אים אפגעזאגט פון רבנות צוליב פאלגנדער געשיכטע: די חברה קדישא האט ווי איר מנהג איז ט״ו כסלו געמאכט א גרויסע סעודה. לויט דער טראדיציע האט מען דערלאנגט צו דער סעודה א טייגעכץ געבאקט אויף שמאלץ. די שמאלץ איז געווען געבראכט פון ווילנע. ביי דער סעודה האט זיך דערוועקט א ספק, צי די שמאלץ איז געווים געזאלצן געווארן. אז מען האט ביים רב געפרעגט די שאלה, האט ער מתיר געמאכט.

דעם רבס שונאים האבן דאס אייסגענוצט, און אנגעהויבן א גרויסע מחלוקות קעגן אים, זאגנדיק, אז ער האט מאכיל טרפות געווען. די מחלוקות איז געווען אזוי גרויס, אז איינער א בעל-הבית איז געלאפן צום רב און אים געוואלט פאטשן. נאר לויפנדיק איז ער געפאלן און האט צובראכן א פוס, און איז געבליבן א קאליקער אויפן גאנצן לעבן.

דאך האט זיך דאס שטעטל ניט באראויקט. דער צד שכנגד האט גענומען נאך א רב, בכדי



אים יורד לחייו זיין, צונעמען ביי אים די חיונה. לכתחילה האט אפילו קיין רב ניט געוואלט גיין, נאר דערנאך האט זיך געפונען איינער א פרוש, אבער ער איז אויך דארט קיין צייט ניט געווען.

דער צד שכנגד האט אויך געשיקט א שליח מיוחד וועגן דעם צו ר׳ יצחק-אלחנן, קאוונער רב. ר׳ יצחק אלחנן האט געפסקנט די שאלה, אזוי ווי דער רב. דאך האבן די שונאים אים אנגעטאן זייער פיל נגישות. מען דערציילט, איינמאל האט ער געהאט „יארצייט״ און געמאכט א מנין, איז אריינגעלאפן איינער פון זיינע שונאים און אנגעהויבן צו שרייען: „מיט דעם מאכיל-טרפותניק וועט איר דאווענען צוזאמען״. זיינען אלע אוועק און ער איז געבליבן איינער אליין. עס איז אבער אוועק א קורצע צייט, און ביי דעם דאזיקן שונא זיינען אויסגעשטארבן אלע קינדער, און ער איז געבליבן איינער אליין. אין שטעטל האט עס געמאכט זייער א גרויסן רושם, און אלע האבן דערזען, אז זיי זיינען אומגערעכט.

דער רב אליין, האט אויך ניט גערוט, געשיקט שאלות ותשובות צו די גרעסטע רבנים, ביז וואנען ער האט באקומען א תשובה פון די גרעסטע גאונים, אז די שמאלץ איז „כשר״. דער רב האט די תשובות אנגעקלעפט אויף א טאוול און אויסגעהאנגען אין שיל. דאן זיינען שוין אלע צוגעלאפן צום רב בעטן, אז ער זאל זיי מוחל זיין, דער רב האט געענטפערט, אז ער איז זיי מוחל. און האט געזאגט, אז ער האט מערניט געוואלט אראפנעמען דעם חשד פון זיך, אז ער האט חלילה מאכיל טרפות געווען. איצט, ווייבאלד דער חשד איז שוין אראפ, וויל ער שוין ביי זיי מער קיין רב ניט זיין, און איז אוועק פון שטעטל, און זיך באזעצט אין ווילנע, און דארט זיין לעצטע ביסל יארן פארבראכט אין רימארסקע קלויז על התורה ועל העבודה. ער איז נפטר געווארן דורך פאלגנדער סיבה: שבת זיצנדיק ביים לערנען, האט ער זיך א שאקל געטאן, איז אראפגעפאלן אויף אים א ברענענדיקער לאמפ. איז ער דערפון קראנק געווארן און געשטארבן. פון אים זיינען פארבליבן געדרוקטע ספרים *).

נאך דער מחלוקות בערך אין יאר תרל״ד איז אנגעקומען פאר א רב אין אלקעניק ר׳ יעקב ב״ר שמריהו לעווין, וועלכער איז געזעסן על כסא-הרבנות אין אלקעניק איבער 50 יאר. ער איז געווען ביי אלעמען זייער באליבט, און איז נפטר געווארן אין ירושלים אין יאר תרפ״ז, אין עלטער פון 82 יאר. נאך אים זיינען פארבליבן פיל כתבי-יד אין הלכה און אגדה.

## II.

אין שטעטל געפינען זיך בערך 200 משפחות יידן. דאס זעלבע צאל ניט יידן. די באציאונגען צווישן די יידן און ניט יידן זיינען ניט קיין שלעכטע. כמעט אלע יידן האבן אייגענע הייזער אויף אייגענער ערד. די זעלבע צאל הייזער האבן אויך ניט יידן. אלע הייזער זיינען הילצערנע, אויסער דריי מויערן.

די שטאט איז צעטיילט אין 10 גאסן, וועלכע עס שניידן דורך 2 טייכן און 2 בריקן. איין טייך הייסט מערעטשאנקע, וואס פאלט אריין ביי דער שטעטל מערעטש (אין ליטע) אין ניעמאן. דער צווייטער טייך הייסט באליזא, וואס פאלט אריין אין דער מערעטשאנקע. הינטערן שטאט געפינט זיך נאך א טייך, זי הייסט כאלצע, און די יידן

*) די מעשה מיט טייגעכץ האט א. צוקערמאן פארעפנטלעכט אין „השחר״ פון די יארן תרל״ג, תרל״ד, אונטער די נעמען „זבחי מתים״ „זבחי ריב״.

רופן זי שורוק, ווייל זי קומט זיך צונויף מיט די אויבנדערמאנטע 2 טייכן, אזוי ווי א שורוק·

ניט ווייט פון די טייכן געפינט זיך א גרויסער סאסנאווער וואלד, וועלכער רינגלט ארום כמעט די גאנצע שטאט.

ניט קוקנדיק אויף דעם, וואס אלקעניק פארמאגט 3 טייכן און א וואלד, דאך איז די פאבריקאציע זייער א קליינע, אויסער איין טעקסטור-פאבריק, וואו עס ארבעטן 130 ניט-יידן און 31 יידן. דערין 25 שווארצע-ארבעטער און 6 אין דער אדמיניסטראציע.

ס'זיינען פאראן אויך 2 טערפענטיניצעס — יידישע מיט א 10 ארבעטער ניט-יידן, 2 זאוואדן פון סעלצער-וואסער יידישע, און ביי א 15 בעקערייען פון חלה און ווייסברויט, איינער פון שווארצברויט, אויך 2 וואסער-מילן: איין יידישער, דער אנדערער ניט קיין יידישער. פאר דער מלחמה, איז אויך געווען א גרויסער טארטאק מיט א מיל, נאר פארן אפטרעטן האבן די רוסן אים אויפגעריסן מיט דינאמיט, און אים חרוב געמאכט.

ביזן יאר 1928 האבן אויך ביי א 30 פאמיליעס געלעבט פון וואלד-מסחר. נאר איצט צוליב עטאטיזם זיינען די יידן געבליבן אן פרנסה.

דאס רוב מסחר פון שטעטל באשטייט איצט פון בשמים-קרעמלעך, בערך ביי 30, און וועלכע עס געפינען זיך סחורה מכל המינים ווי: עסנווארג, אייזנווארג, געשיר א. אז. וו.

חוץ די בשמים-קרעמלעך זיינען פאראן 15 מאנופאקטור-געשעפטן, און אייניקע פון זיי געפינט זיך אויך שוכווארג, ווי אויך אן אפטייק און אן אפטייק-סקלאד, ביידע יידישע.

פאר דער מלחמה איז דער פדיון אין שטעטל געווען נישקשהדיק, ווייל אלקעניק האט געהאט א גרויסע סביבה, נאר איצט צוליב דער אנטשטייונג פון דער ליטווישער מלוכה (וועלכע געפינט זיך בערך 11 ווייארסט פון אלקעניק), איז די סביבה א סך פארקלענערט געווארן. דער הויפט-פדיון איז פון מארק, וועלכער קומט פאר יעדן דינסטאג. עס פארן זיך צונויף פויערים, וועלכע ברענגען אויסער שפייז, פראדוקטן, אויך תבואה, בהמות, פערד א. ד. גל. מען לייזט אויך אין די זונטאגס, ווען עס פארן זיך צונויף פיל פויערים אין גרויסן קלויסטער, וואס געפינט זיך אין מיטן שטאט לעבן מארק.

זומער איז אויך פאראן פדיון פון די דאטשניקעס. עס קומען זיך צונויף דאס רוב שלאפע ישיבה-בחורים פון די ישיבות „מיר" און „ראדין", צוזאמען מיט זייערע ראשי-ישיבות, צו ערהוילן זיך אין גרויסן און טרוקענעם סאסנאווען וואלד.

בעלי-מלאכות געפינען זיך אין אלקעניק פאלגנדע: 20 שוסטער יידישע, 10 ניט-יידישע, 5 שניידער, 5 כאלארעס יידן, ניט-יידן 3, 6 טעסלארעס, 1 בלעכער, 2 קירזשנער, 1 איינבינדער, 1 שטיינקריצער, 1 זאקנשטריקער, 3 גלעזער, 18 שמידן, 5 שטעפער, 25 שניידערקעס און נייטערקעס, 2 פרייזירער, 2 קאראבעלניקעס, 1 טעפער, 4 פורמאנעס, וואס פארן צום סטאנציע מיט פאסאזשירן (די סטאנציע איז ווייט פון שטעטל 8 ווייארסט) און 5 פורמאנעס, וועלכע פארן אין ווילנע, ברענגען סחורה פאר די קרעמער.

דאס רוב בעלי-מלאכות האלטן לערניינגלעך.

אין שטעטל געפינען זיך אויך 2 סאדאווניקעס, 10 שאפארעס, וועלכע זיינען באשעפטיקט אין די דערבייאיקע וועלדער, 4 פאדריאטשיקעס, וועלכע שטעלן צו פראדוקטן פארן פאלק פון דער פוילישער גרעניץ-וואך ביי דער ליטווישער גרעניץ.



איינער האלט אן אויטא, וואס קורסירט איין מאל אין טאג קיין ווילנע און צוריק.

עס געפינען זיך אויך 5 כלי-זמרים מפורסמים אין גאנצן געגנט. איינער פון זיי איז אויך א בדחן. די כלי-זמרים ווערן באנוצט אויף יידישע חתונות אין דער גאנצער סביבה, ווי אויך אויף קריסטלעכע חתונות.

די יידישע חופות, קומען פאר אין שטעטל אלעמאל לעבן דער אלטער שול.

ווייטער זיינען פאראן אין אלקעניק 2 שוחטים, איינער פון זיי איז אויך שטאט-חזן.

## .III

אין שטעטל געפינט זיך א גמינע. די ראטמענער זיינען 14 קריסטן און 2 יידן, ווי אויך א יידישע קהילה, וועלכע באשטייט פון 8 פרנסים מיטן רב אלס 9-טן. צו דער קהילה געהערן אויך די קאלאניעס דעקשנע, לייפון און די סטאנציע אראן. די וואלן זיינען פארגעקומען דעם 1-טן נאוועמבער 1928 *).

צו דער קהילה געהערט אויסער די פלייש-קאראבקע, וועלכע טראגט אריין הכנסה בערך 70 זלאטעס וועכנטלעך, אויך די הייזון, וועלכע טראגט אריין דאס זעלבע. נאר די הייזון האט מען איבערגעגעבן דעם רב, ווייל בל-זמן די קהילה מאגט נאך ניט איין קיין שטייערן, האט מען עס געמוזט איבערגעבן דעם רב אויף שכירות. דער רב באקומט אויסער די הייזון אויך 3 דאלאר וועכנטלעך במזומן.

די אינסטיטוציעס, וועלכע געפינען זיך אונטער דער אויפזיכט פון דער קהילה, זיינען פאלגנדע: דער בית המדרש, די שול, „הכנסת אורחים", „בקור חולים", „לינת הצדק", חברה-קרישא, פייערלעשער, חדרים, די ישיבה קטנה א. א.

די פלענערע זיצונג פון דער קהילה קומט פאר איינמאל אין חודש.

די מעטריקאציע-ביכער פירט דער רב.

אט איז די סטאטיסטיק פון די געבוירטן און פטירות לויט די ביכער:

געבוירטן: אין יאר 1926 — מענער 12, פרויען 7; אין 1927 — מענער 12, פרויען 14; אין 1928 — מענער 14, פרויען 5.

פטירות: אין יאר 1926 — 4 מענער, פרויען 4 **); אין 1927 — מענער 3, פרויען 7; אין 1928 — מענער 4, פרויען 7.

בכלל איז אלקעניק א געזונטע שטעטל. די נפטרים זיינען אלע כמעט אין טיפן עלטער, דאס רוב איבער די 60-ציקער און 70-ציקער.

חתונות ***): אין יאר 1926 — 7; אין 1927 — 4; אין 1928 — 6.

אין שטעטל געפינט זיך א קאאפעראטיווע באנק, געגרינדעט אין יאר 1906. אין מלחמה-צייט איז זי בטל געווארן און באנייט געווארן אין יאר 1921.

די באנק איז אפן אויף אינקאסא א גאנצע וואך, און הלוואות ווערט צוריקגעגעבן — 1 מאל

*) דער ערשטער ועד-הקהל איז אויסגעקליבן געווארן דעם 28-טן יאנואר 1921. קעגן וועלכן די אלטע גבאים האבן געפירט א קאמף, נאר זיי האבן ניט אויסגעפירט.

**) דערפון איין זעלבסטמארד פון א פרוילן, 26 יאר אלט, צוליב אן אומהיילבארער קראנקייט.

***) דאס רוב חתונות זיינען פארגעקומען אין די יונגע יארן פאר 25 יאר.



אין וואך יעדן דינסטאג. מיטגלידער אין באנק זיינען פאראן 234, דאס רוב לוים זיינען קרעמער און האנטווערקער. אין שטעטל געפינט זיך אויך א גמילות-חסד, געגרינדעט אין יאר 1926 און סובסידירט דורך „יעקאפא". מיטגלידער פארמאגט דער גמילות-חסד 277, צווישן זיי 86 האנטווערקער, 87 קליינהענדלער, 3 ערד-ארבעטער, 18 אומבאשטימטע באשעפטיקונג, 33 פרויען. הלוואות מאקסימום 100 זל., מינימום 60 זל. דער גמ"ח געפינט זיך אין דער דירה פון באנק, און גיט ארויס הלוואות יעדן מאנטאג פון 6 ביז 9 אוונט. מיטן גמ"ח באנוצט זיך די גאנצע שטעטל.

אין שטעטל געפינט זיך אויך א ביבליאטעק, וועלכע איז געגרינדעט געווארן נאך אין יאר 1908. אין מלחמה-צייט איז זי בטל געווארן. די ספרים האבן זיך געוואלגערט ביי יחידים. ערשט אין יאר 1918 האט מען איר איבערגאנייס געעפנט. דערנאך איז זי ווייטער פארמאכט געווארן. אין יאר 1927 איז זי לעגאליזירט געווארן דורך „ווילביג". די ביבליאטעק פארמאגט ביכער: העברעאישע 530, דערין אויך פיל קינדער-ליטעראטור, יידישע ביכער 560 און רוסישע 150. לעזער 60, דאס רוב יוגנט און שילער. לייען-געלט 70 גראשן פאר דערוואקסענע און 50 גראשן פאר שילער. ערבות-געלט — 4 זל. זי איז אפן 2 מאל אין וואך: מאנטאג און דאנערשטאג פון 6 ביז 8. הכנסה האט די ביבליאטעק פון פארשטעלונגען, רעפעראטן, לייען-געלט א. א. ביי דער ביבליאטעק געפינט זיך אויך א לייען-זאל און א דראמאטישער קריין, וועלכער באשטייט פון 15 פערזאן.

אין שטעטל איז אויך דא אן אפטיילונג פון ווילנער „ווילביג", געגרינדעט אין יאר 1927.

אין שטעטל געפינט זיך א רעליגיעזער חדר, לעגאליזירט פון מרכז „חורב", וואו עס לערנען זיך בערך 60 קינדער, איינגעטיילט אין א מכינה און 4 גרופעס מיט 3 לערער. די למודים קומען פאר אין דער עזרת-נשים פון בית-המדרש און פון דער אלטער שול.

אין דער פוילישער „פאווסעכנע" שול לערנען זיך בערך 20 מיידלעך. שבת ווערן זיי פון די למודים באפרייט.

פון דער עלטערער יוגנט באזוכן א 10 פערזאן די ווילנער גימנאזיעס, 2 דעם העברעאישן לערער-סעמינאר, 1 דעם אוניווערסיטעט און בערך 20 — די ישיבות פון מיר און ראדין.

עס איז אויך דא א ישיבה קטנה מיט 20 תלמידים און 2 ראשי-ישיבות, ווי אויך 4 פרעמדע בחורים, וועלכע לערנען אין בית-מדרש, און ווערן אויסגעהאלטן דורך די בעלי-בתים פון שטעטל.

אין שטעטל געפינט זיך אויך א פייער-לעשער-קאמאנדע מיט פיל מכשירים. צווישן די מיטגלידער זיינען פאראן ביי א 20 יידן, דאס רוב בחורים· די זעלבע צאל ניט יידן. דער נאטשאלניק איז א ייד, אן אינוואליד. ער איז א פארהיירצטער און פירט א בראנפן-געשעפט.

עס געפינט זיך אויך א פאסט מיט א טעלעגראף און א טעלעפאן. אין שטעטל איז פאראן א קריסטלעכער שפיטאל, וואו עס זיינען באשעפטיקט א דאקטאר און אקושערקע, ביידע ניט יידן. אנהויב יאר 1929 האט זיך געעפנט אן אפטיילונג פון ווילנער קראנקן-קאסע, ביי וועלכע עס זיינען אנגעשטעלט א חוץ די אויבנדערמאנטע דאקטאר און אקושערקע, אויך א יידישע צאנדאקטארין.

פון די אלטע מוסדות, אויסער די וואונדערבארע שול, געפינט זיך נאך אין אלקעניק אן

אלטער בית מדרש, וועלכער איז פארברענט געווארן אין יאר תרנ"ה און איז אפגעבויט געווארן אין יאר תרנ"ו, ווי אויך א בקור-חולים, געגרינדעט אין יאר תר"ן. דער בקור-חולים גיט ארויס די חולאים רפואות אומזיסט. ער פארמאגט אויך אן אייז-קעלער און אנדערע הייל-מכשירים, ווי טענבערס, וואנעס א. ד. ג. ער צאלט אין שפיטאל פאר ארעמע קראנקע, אויך אין ווילנער „משמרת-חולים" א. א. וו.

אין יאר 1928 איז אויך געגרינדעט געווארן א „לינת-צדק", וועלכער ווערט אנגעפירט דורך פרויען. דער „לינת-צדק" שיקט מענטשן אויף צו נעכטיקן און אכטונג געבן אויף שווערע חולאים.

אין אלקעניק געפינט זיך אויך אן אלטער הכנסת-אורחים, מיט אן אייגענעם בנין, וואו אורחים געפינען א נאכטלעגער, ווי אויך א מרחץ מיט א מקוה, וועלכער ווערט איצטער איבערגעבויט. דער מרחץ ווערט געהייצט איינמאל אין 2 וואכן, די מקוה, צוליב רעליגיעזע טעמים 2 מאל אין וואך: דינסטאג און פרייטאג. מרחץ-געלט — 50 גראשן. ס'עקזיסטירן אויך אן אלטע „חברה-קדישא", וועלכע ציילט 30 חברים, א „חברה ש"ס" מיט א פאר מנינים לערנער. דאסזעלבע אויך א „חברה משניות" מיט א פאר מנינים לערנער. ס'זיינען נאך פאראן: א חברה „עין יעקב", „חברה תהלים". ווי אויך א „חברה פועלים", געגרינדעט בערך מיט א יאר 60 צוריק, וועלכע געפינט זיך אין א באזונדערע שטיבל, לעבן בית מדרש מיט א באזונדערן רבי, א בעל-הבית אן געצאלט.

פון די יוגנט-חברות, איז פאראן א „ועדה לקרן קימת", וועלכע שיקט אלע חודש א היפשן סכום פארן „קרן קימת". עס איז פאראן אויך א ציוניסטישער יוגנט-קרייז, וואס ציילט 40 חברים. עס ווערן איינגעארדנט רעפעראטן, מ'פארשפרייט שקלים און עס ווערט דורכגעפירט די אלע איבעריקע ציוניסטישע ארבעטן.

פריער האט אויך עקזיסטירט א „צעירי-ציון", א „החלוץ", וועלכער האט ארויסגעשיקט קיין ארץ ישראל 25 חלוצים, יונגע לייט, און אויך א פאר משפחות. איצט איז דער „החלוץ" בטל געווארן.

בכלל איז אלקעניק זייער אן איידעלע און פרומע שטעטל, מיט פיל אלטע טראדיציעס און גרויסע לומדים, אפילו בעלי-עגלות קענען דארט גוט לערנען. א מאל איז דארט אויך געווען א מקום-תורה; א קבוץ פון פרושים פון קאוונער כולל, ווי אויך א קבוץ פון בחורים, וועלכער האט געציילט בערך 40 בחורים. איצט איז אויך דער בית מדרש אינדערפרי פול מיט מתפללים. 4 מנינים אין דערפרי, איינע נאך די אנדערע, און פארנאכט זיצן 3 באזונדערע פולע טישן, וואו מען לערנט ש"ס, משניות, עין יעקב, חיי אדם א. א. וו.

די שטעטל איז א מאל אויך געווען גאנץ פעסט אין מעמד, נאר צוליב דער וועלט-מלחמה, ווי אויך צוליב דער בייטעניש פון די מאכטן, ווען אלע זיינען צולאפן אין ווילנע און פון זייער האב און גוטס איז געווארן א בארג אש, און אויך איצט צוליב די גרויסע שטייערן, איז דאס שטעטל זייער פארארעמט געווארן.

די שטעטל האט אויך ארויסגעגעבן א ריי ווייכטיקע פערזאנען ווי: פראפעסאר יוסף קלויזנער, ר' אברהם-מענדל גרינצווייג (געווען א צייט שבאס-מגיד אין לאדז), מחבר פון ספר „אור היהדות" אויף דרוש א. א.

אין שטעטל געפינען זיך פיל זקנים און זקנות איבער די אכציקער. פיל פון די זקנים קריגן שטיצע פון אמעריקע. פיל פון דער יוגנט, ניט האבנדיק, וואס צו טאן, עמיגרירן, פריער (אין יאר 1924) קיין ארץ-ישראל און ארגענטינע, איצט קיין בראזיליע.

די שטעטל האט אויך איר שטאט-שוטה, דאס איז א בחור פון א יאר 25, וואס ווי דער פראגער גולם ארבעט ער טאג און נאכט, טראגט ער וואסער פאר גאנץ שטעטל וכדומה.

די שטעטל האט איר אייגענעם מאלקלאר. אירע איינוואוינער רופט מען „אלקעניקער רעטשקע באנדעס", ווייל אלקעניק געפינט זיך אויף א זאמדיקן באדן, וואו עס וואקסט גוט מערניט ווי גריקע, פון וועלכע מ'מאכט רעטשקענע באנדעס *). זי האט באזונדערע מאכלים, ווי „ווארעניקעס", וואס ווערן געמאכט פון רעטשקענע מעל אנגעפילט מיט קעז. דער מאכל ווערט געמאכט דאס רוב אויף שבת צו שלש-סעודת. שמחת-תורה ווערט געפראוועט א צימעס פון קיילעכדיקע שטיקלעך מערן, און דער צימעס ווערט גערופן „ארענדלעך צימעס" א. אז. וו.

## IV.

דריי ווייארסט פון אלקעניק געפינט זיך די „יידישע קאלאניע דעקשנע. זי געהערט צו אלקעניקער גמינע, טראקער קרייז, ווילנער וואיעוואדסטווע. זי באשטייט בערך פון 35 משפחות (86 מענער און 95 פרויען), הייזער 35 אייגענע, ערד 878 דעסיאטין. אין דער קאלאניע געפינען זיך אויך 4 קריסטן, וועלכע וואוינען אין יידישע הייזער, און פארדינגען זיך ביי יידישע קאלאניסטן צו דער ערד-ארבעט. די ערד, ווי אויך די לאנקעס אויף פאשע, וועלכע זיי רופן „פרצות" האבן זיי באקומען נאך אין ניקאלאי דעם ערשטנס צייטן. די ערד איז זייער א מאגערע, אזוי, אז די קאלאניסטן מוזן אנקומען אויך צו אנדערע פרנסות. דארט ביי די קאלאניסטן האלטן זיך אויף שוין פון נאך פאר דער מלחמה ביי 50 משוגעים, וואס די קרובים צאלן פאר זיי פון 60 ביז 150 זלאטעס א חודש, פון וועלכע די קאלאניסטן ציען זייער חיונה. די רואיקערע משוגעים באנוצן זיי אויך צו זייער ערד-ארבעט.

אין קאלאניע געפינען זיך 2 שמידן, 1 שוסטער, 1 שניידער, וועלכע באארבעטן אליין אויך די ערד.

די קאלאניע באקומט פון צייט צו צייט קרעדיטן פון יק"א, לעצטנס הלוואות אויף בינשטאקן, ווי אויך אויף פארשיידענע מאדערנע מכשירים צו דער ערד-ארבעט. זיי פארמאגן אלע צו 2 בהמות און מערער, ווי אויך פערד. עס איז זייער שיין צו זען, ווי קליינע יינגלעך לאזן זיך גאלאפירנדיק אויף די פערד, זינגענדיק דערביי שיינע נגונים, ווי אויך ווי יונגע מיידלעך און בחורים שטייען אין פעלד און ארבעטן מיט גרויס פלייס, זינגענדיק דערביי יידישע לידער.

איניקע קינדער פון די קאלאניסטן לערנען זיך אין ווילנע, איינער אין גימנאזיע, 3 אין ישיבה, איינער אין בארגנאוויטש אין קביץ.

אין קאלאניע געפינט זיך א גרויסער בית-מדרש און א שוחט-מוהל, וועלכער לערנט מיט די קאלאניסטן אינדערפרי נאכן דאווענען משניות און בין מנחה למעריב „עין יעקב", און א גאנצן טאג איז ער א מלמד מיט א 10 קאלאניסטישע קינדער. ער לערנט מיט זיי חומש, גמרא א. א. קיין באזונדער רב האט דעקשנע קיינמאל ניט געהאט, ווייל זי געהערט צו אלקעניק.

פיל פון די יונגע קאלאניסטן האבן עמיגרירט. נאר די עלטערע זיצן אויף אן ארט. אנדערע באקומען אויך שטיצע פון אמעריקע.

בכלל מאכט דער יידישער דארף זייער א גוטן רושם מיט דער שיינקייט פון די הייזער, ווי אויך מיט דער זויבערקייט און ריינקייט פון אומעטום: אין גאס און אין שטוב.

די קאלאניסטן זיינען שטארק פרום. אפילו די יונגע קומען אויך צום דאווענען, וואס אמאל איז דאס זיי אפילו א ביסל א שטער אין דער ארבעט.

קיין מרחץ און קיין מקוה איז אין קאלאניע ניטא און זיי באנוצן זיך מיט די אלקעניקער.

ניט ווייט פון דעקשנע (ביי 5 וויארסט) געפינט זיך נאך א „יידישע קאלאניע ליפון", וועלכע באשטייט פון א 25 משפחות-קאלאניסטן. די קאלאניסטן וואוינען אין פויערשע הייזלעך מיט שטרויענע דעכער. די ערד איז זייער א שלעכטע, און זיי לעבן זייער ארעם.

אין דער קאלאניע געפינט זיך א שוחט, א בית-מדרש און א מרחץ מיט א מקוה.

ניט ווייט פון אלקעניק איז דא נאך א קאלאניע „פאנאשישאק", וועלכע באשטייט פון א צוואנציק משפחות-קאלאניסטן. נאר איצט געהערט זי צו ליטע.

חייקל לונסקי.

יולי, 1929.

*) אזוינע נעמען האבן אויך די ארומיקע שטעטלעך ווי, למשל „אראנער מתים" צוליב די אמאליקע פריזיוו-עניים, איישישקער „קאצאפעס", „ביטש-שטעקלעך", ווייל דארט זיינען פאראן פיל פערד-הענדלער מיט בייטשן א. אז. וו.

# ראקאוו

## (א שטעטל ביים גרעניץ).

ראקאוו (ביי אלעכנאוויטש) האט פאר דער מלחמה געשמ'ט ווייט ארום מיט איר אינדוסטריע פון ערד-ארבעטס-מאשינען און טעפעריי, פון וועלכע כמעט די גאנצע שטעטל, האט דירעקט צי אימדירעקט געצויגן חיונה. עטלעכע פאבריקן, וועלכע האבן באשעפטיקט צענדליקער ארבעטער, האבן יאר-יערליך ארויסגעארבעט הונדערטער דרעשמאשינעס, הארפעס, מאשינעס צום שניידן שטרוי א. א. ארום זיי פלעגן געפינען ארבעט און באשעפטיקונג שמידן, מאליארעס, אייזן-קרעמער, וואיאזשארן און אנדערע. די וואיאזשארן פלעגן ארומפארן איבער דער ברייטער רוסלאנד, און פארקויפן די ארויסגעארבעטע מאשינעס אין מינסקער, וויטעבסקער, טשערניגעווער, סמאלענסקער און מאהילעווער גובערניעס. די וואיאזשארן פלעגן ארבעטן אויפן אייגענעם חשבון, די אינהאבער פון די פאבריקן פלעגן זיי צושטעלן די מאשינעס פראנקא. 2 מאל א יאר: ר"ח ניסן און פאר ראש-השנה פלעגן זיי זיך אומקערן פון וועג אויף דעם מאנאט פון יום-טוב מיט גראבע בוזימס „אסיגנאציעס", פלעגן זיך פונאנדערצאלן מיט די פאבריקאנטן, די לעצטע פלעגן זיך פונאנדערעכענען מיט די ארבעטער און קרעמער פארן גאנצן האלב יאר. די איינוואוינער, וועלכע פלעגן זיך אויף דעם קיום דערוואַרטן, ליידנדיק פון א גרויסן מאנגל אין געלט, פלעגן אפלעבן, יעדערער פלעגט ליקווידירן

זיינע אנגעקליבענע חיבות, און צוגרייטן זיך א יו״ט לויט זיין שטאנד, כדי אויף נאך יו״ט ווייטער אנהייבן בארגן. די וואיאישארן, ווי אויך די פאבריקאנטן און ארבעטער האבן זיך גערופן בדרך כלל: „מעכאניקער“, און געוויינלעך זיינען די פאבריקאנטן מיט די וואיאושארן געווען די רייכסטע בעל-בתים פון שטעטל, פלעגן אויסהאלטן און אנפירן מיט אינסטיטוציעס, געוואגט א ברייטע דעה, און די איבעריקע איינוואוינער פון שטעטל האבן זיך מיט זיי זייער שטארק גערעכנט.

אין א קלענערן מאסשטאב איז ביי אונז געווען אנטוויקלט די צווייטע פראדוקציע: די טעפעריי, ד. ה. די אויסארבעטונג פון ליימענע כלים און ציגל. צוליב דעם וואס צו מזרח פון ראקאוו געפינט זיך אויף א גרויסן שטח ליימיקע ערד, האט זיך אין ראקאוו פון יארן לאנג געפונען א סך הארנעס און ציגעלניעס, ביי וועלכע ס׳זיינען אויך באשעפטיקט געווען א גרויסע צאל איינוואוינער פון שטעטל. די אויסגעארבעטע ליימענע כלים און ציגל פלעגן אויך עקספארטירט ווערן אויף צענדליקער ווערסט ווייט און פלעגן דערגרייכן ביז באברויסק און סמאלענסק. ביידע אינדוסטריעס האבן זיך געפונען כמעט אויסשליסלעך אין יידישע הענט. צוליב דער גרויסער צאל פאבריקן האט אונזער שטעטל פארמאגט פארהעלטנישמעסיק א גרויסע צאל ארבעטער, וועלכע זיינען ביז אין מיטן די ניינציקער יארן פון פאריקן יארהונדערט געווען ארגאניזירט אין אזעלכע „פאראיינען“ ווי: חומש-לערנער, תהלים-זאגער; די מער „אויפגעקלערטע“ — אין טאנץ-קרייזלעך אדער אין דער חבת-ציון-באוועגונג. די ארגאניזירונג אין די אויבנדערמאנטע פאראיינען אין קרייזלעך האט זיי ניט געשטערט צו ארבעטן צו 15 און מערער שעה אין מעת-לעת.

די ערשטע שוואלבן פון דער רעוואלוציאנערער ארבעטער-באוועגונג אויף דער יידישער גאס האבן גלייך אריינגעצויגן אין שטראם די ראקאווער ארבעטער, וועלכע האבן זיך ארגאניזירט אין א שטארקער ארבעטער-פארטיי. גלייך האבן זיי אנגעהויבן זייער ארבעט מיט אדורכפירן שטרייקן, און גאר גיך זיך אויסגעקעמפט: א פיל קירצערן ארבעטס-טאג, מיט פיל בעסערע באדינגונגען. אויך אויפן קולטורעלן געביט האבן זיי פיל דערגרייכט, גרינדנדיק נאך אין יאר 1902, אין דער צייט ווען אין אלע שטעטלעך ארום האט נאך געהערשט א געדיכטע פינסטערניש, א גוט אויסגעשטעלטע ביבליאטעק, וועלכע פונקציאנירט נאך מיט גרויס ערפאלג ביז היינטיקן טאג. דאקעגן האבן די בירגערלעכע ראקאווער איינוואוינער, אין דער בליענדסטער צייט, ניט געפונען פאר נויטיק צו גרינדן א וועלכע ניט איז קולטורעלע אינסטיטוציע. די רייכע פלעגן די טעכטער שיקן אין דעם נאענטסטן מינסק צו באקומען בילדונג, און די זין פלעגט מען ביז 14 יאר האלטן אין חדר און נאכדעם צונעמען צו דעם אייגענעם פאך. דורכדעם זיינען ביי אונז די פרויען געווען מער געלערנט און אנטוויקלט, ווי די מענער.

די וועלט-מלחמה האט געבראכט א פולשטענדיקן חורבן פאר אונזער אינדוסטריע. די גוטבאזיצער און רייכערע פויערים האבן אויסגעהערט איינצוקויפן די מאשינעס. א גרויסער טייל פון די מעכאניקער און טעפער זיינען אדער מאבילעזירט געווארן, אדער צעשפרייט געווארן איבער דער גאנצער וועלט, די פאבריקלעך האבן זיך גענומען פארמאכן איינע נאך דער אנדערער, אזוי אז ביי היינטיקן טאג איז פארבליבן נאר איינע, וועלכע שטעלט צו די מאשינעס בלויז אין דער נאענטסטער סביבה. דאס זעלבע איז אויך מיט דער אויסארבעטונג פון די ליימענע כלים.



דער דאזיקער נייער מצב האט זיך קאטאסטראפאל אפגערופן אויף דער עקאנאמישער לאגע פון דער ראקאווער יידישער באפעלקערונג. דערצו איז נאך צוגעקומען דער ספעציעלער גורל, וואס איז אויסגעפאלן אויף ראקאוו אין דער צייט פון דער מלחמה, אלס דורכגאנגס-פונקט פאר די מגורשים און היימלאזע.

געפייניקטע, אומברחמנות ארויסגעשיקטע אין משך פון 24 שעה פון זייערע איינגעזעסענע פון דורות-לאנג ערטער, פאריאגטע, פארשפיגענע, איבערלאזנדיק אויף הפקר זייער האב און גוטס, האבן זיך די היימלאזע געלאזן צו מזרח, פארזייענדיק יעדן שטח פון זייער דורכוואנדערונג מיט קברים פון זייערע קראנקע, שוואכע און פארמאטערטע, געפאלענע פון הונגער און עפידעמיעס. ראקאוו, ליגנדיק אויפן אקס-וועג צווישן די פראנט-געביטן און מזרח-רוסלאנד, האט דורך אירע דארע, שמאלע געסלעך דורכגעלאזן זייער א גרויסע צאל פון די היימלאזע. מיט אן אויסערגעוויינלעכן מיטגעפיל האבן זיך די ראקאווער איינוואוינער געטיילט מיט די אומגליקלעכע ברידער דעם לעצטן ביסן ברויט און מלבוש. די היימלאזע, רייכער מאכנדיק דעם גרויסן ראקאווער בית-עולם, האבן אויך אויסגעטיילט פאר ראקאוו צענדליקער משפחות. פון די שוואכערע און ארימערע, א סך פון וועלכע ס׳זיינען פארבליבן אין ראקאוו ביז היינטיקן טאג, און אזוי ארום נאך ארימער און שוואכער געמאכט די ראקאווער יידישע באפעלקערונג. פאר די היימלאזע איז דאן אין ראקאוו ארגאניזירט געווארן א הילפס-קאמיטעט, וועלכער האט, באקומענדיק באדייטנדע שטיצעס פון דעם ערשט דאן געגרינדעטן „יעקאפא“, ווי אויך פון רויטן קרייץ און פון אנדערע הילפס-געזעלשאפטן, האט אנטוויקלט א ברייטע טעטיקייט צו העלפן די אומגליקלעכע פארטריבענע.

נאכן שליסן דעם פויליש-סאוועטישן שלום, האט דעם מזל געוואלט, אז ראקאוו זאל בלייבן א גרעניץ-שטעטל און איבערלעבן אויסערגעוויינלעך זיסע חלומות און ביטערע אנטוישונגען.

ליגנדיק ווייט פון אייזנבאן, נאך ווייטער פון א צענטער ביי א געוואלדיק שלעכטער אקס-וועג, ארומגערינגלט פון אלע זייטן מיט לאנגע געדיכטע וועלדער, און אויסנוצנדיק וואס די ערשטע צייט איז די שמירה אויף ביידע זייטן גרעניץ געווען זייער שוואך באזארגט, האט די ראקאווער אזויגערופענע אונטערוועלט אנגעהויבן א געהיימען שמוגל פון סחורה קיין ראטן-רוסלאנד, וועלכע האט זיך אין דעם שטארק גענייטיקט און פאר וועלכע זיי פלעגן באקומען „חורה“, ד. ה. גאלדענע מטבעות און טייערע חפצים, פוטערווארג, ברילאנטן. אויף אזא אופן איז ראקאוו אויף א געוויסער צייט געווארן א שטעטל פון „גרויסע סוחרים“, מיט גראבע געלטער פלעגן זיי שטענדיק פארן קיין ווילנע און ווארשע פארקויפן און איינקויפן סחורה און „לעבן א גוטן טאג“. דער שמוגל האט א פאר יאר שטארק אויפגעהויבן דעם עקאנאמישן מצב פון שטעטל, נאר דערפאר שטארק דעמאראליזירט די באפעלקערונג. א גרויסער טייל קרעמער האבן פארלאזן זייערע קראמען, די הענטווערקער — די ווארשטאטן, וועלכע זיינען פארנומען געווארן דורך צופעליקע פרעמדע, אנגעפארענע.

דער ווילדער כאאס האט געהאלטן ביזן יאר 1924, ווען די ראד האט זיך פלוצלונג א דריי געטאן אויף צוריק און האט געגעבן אזא מעכטיקן קלאפ, אז ראקאוו איז אין גאנצן צעטומלט געווארן. די גרעניץ-וואך איז אויף ביידע זייטן איינגעשטעלט געווארן נארמאל, די גרינגע פרנסות





זיינען אוועק מיטן ווינט און מיטן רויך, די ראקאווער מנחם-מענדלס, וועלכע האבן אין די גאלדענע יארן ארויסגעצויגן אויף זיך פעטע קארקן, פיזמענע פוטערס, קאראקולענע זשאקעטן און ברילאנטענע פינגערלעך זיינען פארבליבן ווי נאך א זיסן חלום, ווען מען דערפילט מיט א מאל די שרעקלעכע ווירקלעכקייט. מען האט אנגעהויבן צו קאנפיסקירן א „מעקל“ נאך א „מעקל“ און וועלנדיק ארויסראטעווען די אפגענומענע, פלעגט מען שיקן אלץ גרעסערע און גרעסערע, מען האט אנגעהויבן צו פארקויפן פריער די אנגעקליבענע טייערע חפצים און מלבושים, נאכהער די אייגענע לעצטע בעבעכעס און אלץ געשטעלט אין קאן, נאר דער מזל האט זיך אינגאנצן אפגעטאן, ווייט פארלאזן, די גאלדענע פישעלע איז פארשוואונדן. צוריק אומקערן זיך צו די פארלאזענע און דורך אנדערע פארנומענע ווארשטאטן און קרעמלעך איז שוין אנגעקומען שווער, אבער קיין אנדער ברירה איז ניט געווען און אזוי האט זיך אויסגעבויט א קרעמל אויף א קרעמל, א ווארקשטאט אויף א ווארשטאט.

פון דעם נאטירלעכן צענטער מינסק, פון וועלכן ראקאוו האט זיך גערעכנט ווי א פארשטעטל, ווי אויך פון דעם גרעסטן און בעסטן טייל דערפער, איז ראקאוו אפגעריסן געווארן. און איצט ווערט זי פשוט דערשטיקט אין דער אייגענער לופט. און אויב ראקאווער יידן האבן נאך ניט אויסגעגעסן איינער דעם צווייטן איז דאס א דאנק דער אמעריקאנער שטיצע, ווי פאר יחידים אזוי אויך פאר געזעלשאפטלעכע אינסטיטוציעס.

דאס איינציקע, וואס איז פארבליבן פאר ראקאוו, איז דער בית-מדרש. איינציקע מער ניכטערע בעלי-בתים, וועלכע זיינען ניט געווען אריינגעצויגן אין קאראהאד פון שמוגל, האבן ארויסבאקומען אין יענע צייטן פון די צעטומלטע שמוגלערס באדייטנדע נדבות און האבן אויסגעבויט א גרויסן בית-מדרש, וועלכער פארשיינט פשוט די שטעטל און וואס זעלטן ווען א גרויסע שטאט אפילו קאן זיך פארגינען אזא צו האבן. דער בית-מדרש דינט איצט פאר דער ראקאווער פארצווייפלטער, פארמאטערטער באפעלקערונג, ניט נאר פאר א מקום קדש, וואו מען קען בהרחבות אויסגיסן דאס הארץ פארן רבש״ע, נאר אויך פאר א באקוועמען ארט זיך אנצוווארימען און בין מנחה למעריב זיך א ביסל דורכשמועסן וועגן וועלטלעכע ענינים און דערמאנען אמאליקע „גוטע צייטן“.

איצט א ביסל ראקאווער סטאטיסטיק: פון די בערך 650 פאמיליעס זיינען 45 פראצ. יידישע; זייער באשעפטיקונג איז פאלגנדע: ביי 120 קרעמער, איבער 30 הענדלער און נאענט פון 80 בעלי-מלאכות. די איבעריקע — אן באשטימטע אדער אן שטענדיקע פראפעסיעס. די הויפט-לייזונג איז אין די מערק-טעג, מאנטאג און פרייטאג. די איבעריקע טעג זיצט מען ביי די פוסטע קרעמלעך און מען דארף זיך פאר א קונה ניט קריגן... און אויך ניט מקנא זיין איינער דעם צווייטן... דער האנדל באשטייט פון: פלאקס, זוימען, האבער, קארן, בהמות, פערד א. אז. וו. אויך איז ביי אונז אנטוויקלט אין א געוויסער מאס, דער האנדל מיט פרוכט, צוליב דער גרויסער צאל פרוכט-סעדער, וועלכע געפינען זיך אין די פארבליבענע ארום ראקאוו, גיטער. געציילטע ציען זייער חיונה פון דעם וואלד-מסחר.

די געזעלשאפטלעכע אינסטיטוציעס פונקציאנירן ביי אונז פארהעלטנישמעסיק גוט. קודם-כל, די שוין דערמאנטע ביבליאטעק, וועלכע עקסיסטירט שוין העכער 25 יאר. זי ציילט איצט ביי

2200 ביכער, פון זיי איבער 50 פראַצ. יידישע. די ראַקעוויער ביבליאָטעק קאָן מען פאררעכענען אלס אַן אמתן קולטורעלן אוצר פאר דער שטעטל. מיר פארמאָגן אויך אַ פאָלקס-באַנק, אַ האַנט-ווער-קער- און סוחרים-פאראיין, אַ יתומים-קאָמיטעט, וועלכער אַנטוויקלט פאר דער קורצער צייט פון זיין עקסיסטענץ, אַ גאַנץ ברייטע טעטיקייט, און אַ דאַנק דער מיטהילף פון „יעקאפא" אין ווילנע האָט זיך אים שוין איינגעגעבן איינצואָרדענען ביי פאַכן פיל יתומים. מיר פארמאָגן אויך אַ תרבות-און רעליגיעזע שולן, אַ דראַמאַטישן קרייזל, אַ ספּאָרט-פאראיין, אַ גמ"חס (סובסידירט פון „יע-קאפא"), אַ לינת-הצדק און אפילו אַ ישיבה, אַלץ גאַר ווי ביי לייטן.

לעצטנס זיינען ביי אונז שטאַרק מאָדיש די קאַריערעס פון ישיבה-בחורים. קיין אַנדערע תכליתים זוכן כמעט איצט ניט אונזערע עלטערן. ביי די וואַלן צו סענאַט האָט ביי אונז די „אגודה" געשלאָגן דעם רעקאָרד, אויסקלייבנדיק מער שטי-מען, ווי אין דער גרויסער ווילנע.

די אַלע אויסגערעכנטע אינסטיטוציעס ליגערן אין אַ געוויסער מאָס די גרויסע נויט פון דער ראַקעווער יידישער באַפעלקערונג.

**א. סטאַראָבין.**

פרילינג 1928

# ר ו ד ז י ש אָ ק

## (אַ יונגע שטעטל).

### I.

דאָס שטעטל רודזישאָק געפינט זיך אין אַ מרחק פון 2 סטאַנציעס פון ווילנע, 3 מייל פון אַלקעניק און 16 קילאָמעטער פון איר פאָוויאַט טראָק.

רודזישאָק האָט זיך אָנגעהויבן גרינדן אין דער צייט, ווען מען האָט געבויט די פעטערבורג—וואַרשעווער אייזנבאַן-ליניע (בערך 1858—1862).

צוערשט האָבן זיך געפונען אין שטעטל בלויז דריי יידן: ר' יונה פוצקאַרניק, אַ בעל-מלאכה — אַ שמיד; ר' ישראל ראַדונסקי, אַ קרעטשמער און ר' שמואל קוביצקי, אַ פּאַדריאַטשיק. מיט דער צייט זיינען צוגעקומען איניקע יידן אלס ערד-אַרבעטער, ביז אַ מנין, און אין יאָר 1883 האָבן זיי שוין געהאַט אפילו אַן אייגענעם בית-מדרש.

דאָס שטעטל האָט זיך אָנגעהויבן צו פאַרגרע-סערן ערשט אין יאָר 1891, בעת מען האָט רודזי-שאָק אַריינגערעכנט אין דער רשימה פון די 101 דערפער, וואָס זיינען דערהייבן געוואָרן צו דער מדרגה פון שטעטלעך, וואו יידן האָבן צוליב דעם באַקומען וואוינרעכט. דער פּריץ מאַטווייעוו, צו וועמען ס'האָט געהערט דער גוט מאַרקאָווטשיזנע מיטן שטעטל, האָט דאַן פאַרקויפט פּלעצער, וואָס זיינען נאָך געווען פאַרוואַקסן מיט וואַלד, און אזוי האָט זיך אויסגעבויט „רודזישאָק".

דאָס שטעטל פארנעמט איין לאַנגע גאַס, וואָס ציט זיך גלייך פון וואָקזאַל ביזן וואַלד, ד. ה. ביז צום סוף — און פון דער לאַנגער גאַס פאַר-צווייגן זיך עטלעכע קליינע געסלעך. פון די יידי-שע הייזער, וואָס געפינען זיך אין שטעטל, זיי-נען 44 הילצערנע און 1 מויער. דאָס רוב הייזלעך זיינען געבויט אויף אייגענע ערד. יידן געפינען זיך איצט (אין יאָר 1929) אין רודזישאָק 54 משפחות, איבער 300 נפשות, וואָס מאַכט אויס בערך 60 פּראָצ. פון דער אַלגעמיינער באַפעלקע-רונג. די באַציאונגען צווישן די יידן און די קריסטן זיינען ניט קיין שלעכטע.

הגם דאָס שטעטל האָט זיך אָנגעהויבן בויען בערך אין יאָר 1891, דאָך איז לאַנגע יאָרן קיין בית-עולם ניט געווען און די מתים פלעגט מען פירן קיין אַלקעניק אָדער באַלטערמאַנץ. ערשט אין יאָר 1918, אַדאַנק דער השתדלות פון ר' אלחנן לעווין און ר' אהרן ראַדונסקי, האָט מען געקויפט פאַר 500 רובל אַ פּלאַץ אויף אַ בית-עולם, וואָס האָט די גרויס פון 40 אויף 60 קלאַפטער. ער האָט אַרום זיך אַ הילצערנעם גדר, אַ נדבה פון ר' משולם קראַניק.

אויפן בית-עולם ליגן 16 מתים. דער ערשטער מת איז געווען אַ סאָלדאַט פון די מלחמה-געפאַ-לענע, וואָס איז פריער געווען מקובר אַנדערשוואו און מען האָט אים דערנאָך אַריבערגעטראָגן אויפן בית-עולם. דאָרט געפינען זיך אויך 4 קדושים, אומגעקומענע בעת דער אָפּטרעטונג פון די פּוי-לישע חיילות אין יאָר 1920: 1) אַ סטודענט, וועלכן מען האָט געפונען אויפן באַן; 2) אַ געפונענעם אין וואַלד, ר' יוסף לעווינזאָן פון ווילנע; 4) ר' ישראל אַקסעלראַד; 4) ר' אברהם ב"ר משה חינסקי. די לעצטע צוויי זיינען שטעטלשע.

אין שטעטל געפינט זיך אויך אַ חברא-קדישא, וואָס ציילט 10 חברים. די חברה איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1919.

רודזישאָק האָט אַ שטאָטישן נייעם בית-מדרש, געגרינדעט אין יאָר 1904 דורך דעם קר"ש ר' ישראל אַקסעלראַד און ר' אלחנן לעווין. דער בית-מדרש געפינט זיך אין מיטן שטעטל און באַשטייט פון אַ גרויסן עזרת-אנשים און אויבן צווייטן עטאַזש אויך אַן עזרת-נשים, אויך צוויי שטיבלעך, איינס אַ מין הכנסת-אורחים און דאָס צווייטע אַ דירה פאַרן שמש.

אין רודזישאָק געפינט זיך אַ שטאָטישער מרחץ מיט אַ כשרע מקוה, געבויט בערך אין יאָר 1906 דורך ר' דוב פוטשקאַרניק און ר' אהרן ראַדונסקי אויף פרעמדע ערד, פאַר וועלכע מ'צאָלט אַרענדע-געלט 25 גילדן אַ יאָר. אין דער צייט פון דער מלחמה איז ער חרוב געוואָרן און אין יאָר 1923 האָט מען אים איבערגעבויט פאַרריכט מיט דער הילף פון „יעקאפא".

רודזישאָק פאַרמאָגט אויך אַ שטאָטישן גמילות-חסד (געגרינדעט דורך דעם שרייבער פון די שורות אין יאָר 1925), וואָס איז סובסידירט פון „יעקאפא". כמעט 95 פּראָצ. פון די שטעטלשע איינוואוינער זיינען מיטגלידער-לייב פון גמ"ח.

אין רודזישאָק געפינט זיך אַ שטאָטישער חדר מתוקן, וואו עס לערנען זיך 10 יינגלעך און 5 מיידלעך. מ'לערנט דאָרטן רעליגיעזע למודים ביז גמרא, אויך וועלטלעכע למודים. דער חדר געפינט זיך אונטער דער השגחה פון רב. די איבעריקע קינדער, 8 מיידלעך און 4 יינגלעך, לערנען זיך אין דער פּאָווישעכנער שול, נאָר שבת באַזוכן זיי איר ניט. נאָך 7 קינדער לערנען זיך אין ווילנע אין פאַרשיידענע גימנאַזיעס, טעכניקום און סעמי-נאַר. די איבעריקע קינדער לערנען זיך פאַרשיי-דענע מלאכות אין שטעטל גופא און אויך אין אַנדערע שטעטלעך.

אין רודזישאָק געפינט זיך אויך אַ שטאָטישע ביבליאָטעק, געגרינדעט דורך די ציונים אין יאָר 1916. אין יאָר 1919 בעת די פּוילישע חיילות זיי-נען אַפּגעטראָטן, איז די ביבליאָטעק פאַרבראַנט געוואָרן און איז צוריק באַנייט געוואָרן אין יאָר 1922. ספרים געפינען זיך: העברעאישע איבער ן אין יידישע איבער 650. לעזער זיינען פאַראַן 30 (20 פרויען און 10 מענער). פאַרן לייענען ווערט גענומען 70 גראָשן לייען-געלט און דריי גילדן ערבות-געלט. מיטליין אויף צו קויפן ספרים באַקומט מען פון פאָרשטעלונגען און זאַמלונגען. בינדן די ביכער פירט מען אין ווילנע.

אין שטעטל געפינט זיך אויך אַ „החלוץ" פון 30 יונגעלייט. ווייטער פארמאָגט רודזישאָק אַ דראַ-מאַטישן קרייזל, וואָס באַשטייט פון אַן ערך 20 יוגנטלעכע און אַ ביז-אָרקעסטער. זיי גיבן קרוב אַ פאַר צענדליק פאָרשטעלונגען לטובת דער ביב-ליאָטעק, קרן-קימת, גמילות-חסד און לטובת נאָך פאַרשיידענע וואוילטעטיקע צוועקן.

אין שטעטל געפינט זיך אויך אַ פייערלעשער-געזעלשאַפט, געגרינדעט אין 1925, וואָס פאַרמאָגט אַ פּאָמפּע, לייטערס און אַנדערע געהעריקע מכשירים, זי באַשטייט פון עטלעכע צענדליק חברים, צווישן זיי 10 יידן. דאָס רוב יוגנטלעכע ביז 30 יאָר. אין שטעטל איז פאַראַן אַ גמינע, וואָס באַשטייט פון 11 קריסטן און איין יידן.

אין שטעטל איז אויך דאָ אַ קהילה. דער קהילה-רב איז דער טראָקער רב.

### II.

רודזישאָק האָט ניט קיין טייך און די גאַנצע הויגה ציט דאָס שטעטל פון די אַרומיקע דערפער און וועלדער. די הויפּט-לייזונג איז אין מאַרק-טאָג, וואָס קומט פאַר יעדן מיטוואָך, זומער אויך פון די דאַטשניקעס, ווייל עס איז אַ דאַטשע-אָרט מיט אַ גוטן טרוקענעם וואַלד.

עס געפינען זיך אין שטעטל אַרום 7 האַלץ-סוחרים, 8 שאַפאַרעס און אַן ערך 20 וואָזשאַקעס, וואָס פירן דאָס געהילץ פון די וועלדער צו דער סטאַנציע. פון די וואָזשאַקעס זיינען פאַראַן אַזעלכע וואָס פאַרמאָגן צו 4 פערד און זיי אַרבעטן מיט געדונגענע מענטשן, ניט קיין יידן.

עס געפינען זיך אויך אַן ערך 22 קליינע קרעמלעך, אין וועלכע ס'איז פאַראַן סחורה צו ביסלעך מכל המינים, ווי: באַק לייט, גאַלאַנטעריי, אייזנוואַרג וכדומה. ספּעציעלע קר מען פון מאַ-נופאַקטור און גאַלאַנטעריי זיינען פאַראַן איינגאַנצן דריי. פאַראַן אויך אַ סקלאַד פון נאַפט, וואָס באַדינט מער ווייניקער אויך די אַרומיקע שטעט-לעך. עס געפינען זיך אויך 2 טאַרטאַקן, וואו עס אַרבעטן בערך 60 פּערזאָן ניט-יידן און 6 יידן. די טאַרטאַקן אַרבעטן אויך אום שבת און יו"ט, פאַראַן אויך אַ טערפּענטינצע.

פון די בעלי-מלאכות געפינען זיך 6 שוסטער מיט 6 אַרבעטער, דריי שניידער, וואָס אַרבעטן מיט לערניינגלעך; שניידער ניט קיין יידישע 2 און שוסטער 3; שניידעריקעס 5 מיידלעך, אָבער ווען מען דאַרף בעסערע אַרבעט, פאָרט מען קיין ווילנע.

עס געפינען זיך אויך 5 קצבים מיט 4 יאַט-קעס און אַן אייגענע בוינע. ביי די קצבים איז אַ מין „סינדיקאַט".

אויך 3 טראַנספּאָרטירער, וואָס פאָרן אין ווילנע עטלעכע מאָל אַ וואָך, צו ברענגען סחורה פאַר די קרעמער, אויך 3 שמידן וואָס אַרבעטן איבערהויפּט פאַרן דאָרף, מיט 2 יידישע אַרבעטער יעדערער.

פון די איבעריקע בעלי-מלאכות געפינען זיך: 1 מאָלער, 1 גלעזער און 2 קאַראַבעלניקעס, 2 בע-קער פון ווייסע געבעקס און ווייסע ברויט. פּראָס-טע שוואַרצע ברויט באַקן פיל פון די בעלי-בתים גופא איינער אליין.

דאָס רוב בעלי-בתים פון שטעטל פאַרמאָגן בהמות, איניקע אפילו צו צוויי. עס געפינען זיך

אין שטעטל בערך 30 קי און 5 ציגן; שטוביקע עופות האָדעווען כמעט אַלע.

עס זיינען פאַראַן נאָך 8 משפחות, וואָס אַרענדירן ערד ביי די אַרומיקע פּריצים און זייען קאָרן, גריקע, האָבער, קאַרטאָפל וכדומה. דאָס רוב האָבן אויך גערטנער, וואו זיי פאַרזייען אַלערליי גרינסן.

אַזוי אַרום איז דער מצב פון די רודזישקער איינוואוינער געווען ביז דער לעצטער צייט ניט קיין שלעכטער, בעת זיי דאַרפן קיין דירה ניט דינגען און קאַרטאָפל און גרינסן ניט קויפן.

ניט קוקנדיק דערויף, וואָס אין דער מלחמה האָבן די רודזישקער זייער פיל געליטן פון די דורכגייענדיקע מחנות, דאָך האָבן זיי אַ דאַנק זייער פלייסיקער אַרבעט און גרויס האָרעוועניש מיטן פירן אַ גוטע בעל-הבתישקייט, צוריק זיך אַרויסגעאַרבעט. די לעצטע צייט אָבער האָט זיך דער מצב פון שטעטל פאַרערגערט. די קרעמער זיינען צוליב די גרויסע שטייערן פאַראָרעמט געוואָרן און דער מצב פון שטעטל איז ניט קיין גוטער.

עס געפינען זיך אין שטעטל 5 מלחמה-יתומים, וואָס האָבן באַקומען שטיצע פון „יעקאָפּאַ" און 3 זקנים, וואָס באַקומען שטיצע פון אַמעריקע.

בכלל איז די שטעטל אַ גליקלעכע. לויט דער סטאַטיסטיק פון יאָר 1926 זיינען אין שטעטל געווען 3 חתונות, 10 געבורטן און 1 מת. ס'זיינען פאַראַן אויך 5 זקנים אין די אַכציקער, צווישן זיי 2 פרויען.

אין שטעטל געפינט זיך 1 אַפּטייקער, 2 פעלדשערס און 1 אַקושערין — אַלע ניט קיין יידן.

דער ערשטער רב אין שטעטל איז געווען הרב ר' דוב סוירסקי. ער איז געווען רב און שוחט פון יאָר 1905 ביז 1921, דערנאָך געוואָרן רב אין אַמעריקע. דער צווייטער רב הרב ר' חיים דוד ב"ק, איז געוואָרן רב אין יאָר 1922. די שכירות פון רב איז פון וואָכער, וואָס יעדער בע"ב צאָלט וויפיל עס איז, אויך פון קאַראָבקע און ליכט אויף שבת, וואָס מ'דאַרף קויפן ביים רב, אָבער פון די אַלע הכנסות האָט דער רב ס"ה וואָכערע 30 גילדן אַ וואָך און לעבט אין גרויס דחקות.

אין שטעטל געפינט זיך אַ חברה ש"ס, משניות און חיי-אדם.

אין שטעטל שרייבט זיך איצט אַ נייער פּנקס, וואו עס ווערן פאַרשריבן די נויטיקע תקנות און מנהגים פון שטעטל. דער אַלטער פּנקס איז אין מלחמה-צייט פאַרלאָרן געגאַנגען.

**חייקל לונסקי.**

# די עקאָנאָמישע לאַגע פון די שטעטלעך אין יאָר 1928—1929

(אויספאָרשונגען אויף די ערטער פון דעם באַפּולמעכטיקטן פון „יעקאָפּאַ").

די ווייטער-געבראַכטע באַריכטן זיינען אַ רעזולטאַט פון די אויספאָרשונגען, וואָס ס'האָט געמאַכט אויף די ערטער, אין יעדן פּונקט באַזונדער, דער ספּעציעלער באַפּולמעכטיקטער פון „יעקאָפּאַ" ה' ש ל י ם  כ ה ן, וועלכער האָט אין משך פון 8 חדשים צייט (לעצטער פערטל 1928 — ערשטער האַלבער יאָר 1929) באַזוכט 70 שטעטלעך פון ווילנער און נאָוואָגרודקער וואָיעוואָדסטווס מיטן צוועק צו רעווידירן און אינסטרואירן די גמילות-חסדים-קאַסעס, וואָס זיינען דאָרט געגרינדעט געוואָרן פון די אָרטיקע טוער מיט דער יורידישער און מאַטעריעלער הילף פון געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאַ", וועלכער פירט די אַקציע אין קאָנטאַקט מיטן „דזשוינט".

אַלס רעווידענט און אינסטרוקטאָר פון די ג"ח'ן, וואָס האָט זיינע באַזונדערע אייגנטימלעכע אויפגאַבן, האָט אָבער ה' כהן גלייכצייטיק אויך באַקומען פון „יעקאָפּאַ" אַן אויפטראַג אויסצופאָרשן אויף אַן אָרט ניט נאָר דעם מצב פון דער אינסטיטוציע, נאָר אויך בכלל די אַלגעמיינע עקאָנאָמישע לאַגע פון די שטעטלעך און צו שטעלן וועגן דעם שריפטלעכע באַריכטן.

אויף אַזאַ אופן באַקומען מיר אַ מאַטעריאַל וועגן דער עקאָנאָמישער לאַגע פון דעם גרעסטן טייל שטעטלעך פון ווילנער און נאָוואָגרודקער געגנט אין יאָר 1928—1929, בפרט פון די ק ל י י נ ע  ש ט ע ט ל ע ך, אויף וועלכע קיינער לייגט געוויינלעך קיין אויפמערקזאַמקייט ניט, אָבער וועלכע שטעלן דאָך מיט זיך פאָר דעם רוב מנין און רוב בנין פון דער יידישער פּראָווינץ.

אַ באַזונדערער קאַפּיטל פאַר זיך איז דער הונגער-מצב און די אַקציע, וועלכע „יעקאָפּאַ" האָט געפירט אין קאָנטאַקט מיטן „דזשוינט" אין פרילינג און אָנהויב זומער 1929 לטובת דער הונגער-ליידנדער יידישער באַפעלקערונג, צוליב דער שרעקלעכער אום-ערטעניש פון די פאַריקע צוויי יאָר אין פיר קרייזן פון ווילנער וואָיעוואָדסטווע (דיסנער, בראַסלאַווער, פּאָסטאַווער און סווענציאַנער), וואָס האָט נאַטירלעך געפונען אַן אָפּקלאַנג אין די באַריכטן וועגן די באַטרעפנדע פּונקטן. דערהויפּט פון דיסנער און בראַסלאַווער קרייזן, וואו דער הונגער איז געווען צום שטאַרקסטן.

ר ע ד.

**א י ג נ אַ ל י נ ע** (סווענציאַנער קרייז). די אַלגעמיינע צאָל פון דער באַפעלקערונג איז 250 פאַמיליעס, פון זיי ביי אַ 150 יידישע.

די הויפּט-באַשעפטיקונגען זיינען קרעמעריי, קליינהאַנדל און האַנטווערקעריי. די צאָל פון די קרעמער און קליינהענדלער צוזאַמען (70) מאַכט אויס 47 פּראָצ., און די האַנטווערקער (35) 23 פּראָצ. פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג.

די קרעמעריי ניט שוואַך צום לעבן, עס איז דאָ פאַרהעלטענישמעסיק צופיל קראָמען. אָבער איבערהויפּט ברעכט אונטער די יידישע קראָמען דער גרויסער קריסטלעכער קאָאָפּעראַטיוו. אין דער צייט, ווען אַלע יידישע קרעמער ליידן זייער פון אַ מאַנגל אין אומזאַץ-קאַפּיטאַל (צו לייען אין שטעטל אַפילו אויף אַ גרעסערן פּראָצענט *) איז ניטאָ ביי וועמען), די יידישע פאָלקסבאַנק האָט אויך קיין דעפּאָזיטן ניט, ווייל די יידישע באַפעלקערונג איז געדריקט און קיינער האָט דאָ קיין געלט ניט), באַקומט דער קריסטלעכער קאָאָפּעראַטיוו גרויסע קרעדיטן פון די פּוילישע בענק (באַנק „ראָלני") און ווערט אונטערשטיצט פינאַנציעל פון דער גמינע. ביים קאָאָפּעראַטיוו פונקציאָנירט אַ רייכע ליי- און שפּאָר-קאַסע (קאַסאַ „סטעפּאַנציקאַ"). דאָס אַלץ גיט דעם קאָאָפּעראַטיוו די מעגלעכקייט צו אַרבעטן אין זייער אַ גרויסן מאַסשטאַב, סחורות ברענגט ער וואַגאָנענווייז.

*) אין פּראָווינץ צאָלט מען פּריוואַט 2—5 פּראָצענט אַ חודש.

צווישן דער קריסטלעכער באַפעלקערונג ווערט געפירט אַ שטאַרקע אַגיטאַציע (דורך די לערער, גמינע, גמינע א. א.), אַז מען זאָל קויפן נאָר אין קאָאָפּעראַטיוו. דער פויער רופט שוין אָן דעם קאָאָפּעראַטיוו מיטן נאָמען „אונזער קראָם". אין לאָקאַל פון קאָאָפּעראַטיוו זיינען אויסגעהאַנגען בילדער, ווי אַזוי די יידן פרעסן אויס די זאַפטן פון דער דורך זיי צורואינירטער באַפעלקערונג. דער פריון ווערט אַלץ מער און מער אָפּגעצויגן פון די יידישע קראָמען און גייט אַריבער אין קאָאָפּעראַטיוו. אויסער קאָאָפּעראַטיוו אַרבעטן אין שטעטל נאָך 2 קריסטלעכע קראָמען. אויסערדעם, זיינען דאָ אין אַלע גרעסערע דערפער קריסטלעכע קאָאָפּעראַטיוון, און אין די קלענערע — קריסטלעכע קראָמען.

דער מאַרק קומט פאָר איינמאָל אין וואָך, אַלע דאָנערשטאָג. אויפן מאַרק פאָרן אָן פרעמדע קרעמער (קריסטן און יידן) מיט מאַנופאַקטור, גאַלאַנטעריי און לעדער. אַ באַוועגלעכער קריסטלעכער קאָאָפּעראַטיוו, וועלכער פאָרט פון פּונקט צו פּונקט אויף די מאַרק פון אַ ריי אַרומיקע שטעטלעך, ברענגט צו פירן אויפן מאַרק באַקאַליי-סחורות. אויך ברענגען קריסטלעכע בעקער אויפן מאַרק געבעקס.

צו דעם מוז מען נאָך צוגעבן, אַז די סביבה אַרום איז אַן אָרעמע, דער באָדן איז אַ זאַמדיקער און באַדעקט מיט וועלדער און מיט אַ סך אָזיערעס. דער בעסטער און פרוכטבאַרסטער טייל פון געגנט איז אָפּגעגאַנגען צו ליטע. די היגע פויערישע באַפעלקערונג איז שטענדיק אַן אָרעמע. היינטיקן ווינטער, נאָך די 2 אומגעראָטענע יאָרן (1927 און 1928), וועלכע זיינען געקומען איינער נאָכן אַנדערן, איז די לאַגע פון דער פויערישער באַפעלקערונג זייער אַ שווערע. פון האַרבסט אָן, מוז זי שוין אָנקומען צום געקויפטן ברויט. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז די פאָלגן פון דער 2-יאָריקער אומגעראָטעניש האָבן זיך אָפּגערופן קאַטאַסטראָפאַל אויף דער לאַגע פון די קרעמער, קליינהענדלער און בעלי-מלאכות.

דער קליינהאַנדל איז דאָ אַ נישטיקער. ער באַשטייט אין אויפקויפן פון פיש, הינער, גענז א. אַז וו., וועלכע ווערן אַרויסגעפירט פון שטעטל. דער מסחר מיט תבואה, זוימען, ווי אויך מיט סופּערפאָספאַט איז איבערגעגאַנגען גרעסטנטיילס צום קריסטלעכן קאָאָפּעראַטיוו. כדי צו שעדיקן דעם יידישן האַנדל, פאַרשפּרייט מען פאַלשע קלאַנגען, אַז דער סופּערפאָספאַט, וואָס די יידן פאַרקויפן, איז אַן אָפּגעשמעקטער, אַז אין אים פעלן די נויטיקע פאַרן באָדן וויטאַמינען א. אַז. וו.

וואָס איז נוגע די בעלי-מלאכות — שוסטער, שניידער און שמידן — פילן זיי שטאַרק די קאָנקורענץ פון די דאָרפישע קריסטלעכע בעלי-מלאכות. אויך אין שטעטל איז דאָ אַ גרויסע צאָל קריסטלעכע שוסטער. זיי פירן אָן מיט גרויסע וואַרשטאַטן. די יידישע שוסטער און שניידער זיינען גרעסטנטיילס אַרבעטסלאָז. עטוואָס בעסער שטייען די שמידן.

אין שטעטל געפינען זיך אַ 5 יידישע פאַמי-

ליעס, וועלכע לעבן פון דעם, וואס זיי האלטן אין ארענדע דעם פיש־פאנג אין א טייל אזייערעס. פאר דער מלחמה האט מען די ארענדע באקומען פון פראוואסלאווער מנישקע־קלויסטער אין ווילנע, איצט פון דער פוילישער רעגירונג. דירעקט זיינען די אזייערעס אונטערגעווארפן די „ליעסניטשעס". איצט ענדיקן זיך זייערע קאנטראקטן אויף דער ארענדע, וועלכע זיינען געווען אפגעשלאסן אויף 6 יאר. ביים באנייען די קאנטראקטן שטעלט מען זיי ארויס נייע באדינגונגען (קירצערער טערמין פון דער קאנטראקט־צייט, התחייבות געוויי אפצוהיטן אלע געזעצן פון פיש־פאנג א. א.). אבער אמשווערסטן פאלט אויס די פאדערונג אריינצוברענגען מער קולטור און פאך ידיעות אין דעם פישפאנג. קיינער פון די ביז־איצטיקע ארענדאטארן פארמאגט ניט די קענטעניש, וועלכע זיינען נייטיק, כדי צו קענען קולטיווירן דעם פאך. עס איז דא א גרויסער חשש, אז צוליב די פאדערונגען זאלן זיי, פריער אדער שפעטער, פארלירן די ארענדע.

די ארבעט אין די וועלדער נעמט איבער די מאכט אויף איר רעכענונג, און זי זעצט דארט אוועק אירע אנגעשטעלטע. דא, ביים באן, זיצט שוין א שאמער, א רעגירונגס־באאמטער, וועלכער טראנספארטירט אפ מיטן באן די רעגירונגס־האלץ.

4 בעקערייען זיינען דא פארמאכט *). א טייל ארבעטן נאך פארלייפיק. די רעמאנטן, וואס זיי האבן געמאכט, האט מען פארבראקירט. אויך די פלייש־יאטקעס זיינען געווען פארמאכט. די ערשטע רעמאנטן, וואס זיי האבן דורכגעפירט, האבן זיך ארויסגעוויזן פאר ניט אנטשפרעכנד די פארשריפטן פון געזעץ. זיי האבן געמוזט דורכפירן א צווייטן מאל נייע רעמאנטן.

כדי צו כאראקטעריזירן די היגע פרנסות וויל איך איבערגעבן דעם פאלגנדן פאקט: א היגער קירזשנער האט צוליב דער נישטיקער ארטיקער לייזונג באשלאסן ארויסצופירן זיין סחורה (היטלעך) אויף א פאר מערק אין די ארומיקע שטעטלעך. ער האט באזוכט 3 ערטער (בראסלאוו, ווידז און נאך א פונקט). געלייזט האט ער אויף די אלע 3 מערק 78 זל., און הוצאות איז ביי אים געפאלן 35 זל. (כמעט 50 פראצ. פון לייזונג!).

דער גרעסטער טייל יידן לעבט דא שלעכט. פלייש און מילכיקס קומען זעלטן אין שטוב אריין. מען איז צופרידן, אז מען האט צו גענוג ברויט און קארטאפל.

אין שטעטל ארבעט א הילפס־קאמיטעט, וועלכער שטיצט אונטער א 15 גאר געדריקטע פאמיליעס. זיינע הכנסות האט ער פון א שטעטלשן וואכער, וועלכער ברענגט אריין א 60 זל. א חודש.

**איוויע** (וואלאזשינער קרייז). אפגעברענט דעם 15־טן מאי 1929. ווערט ווידער אפגעבויט.

**איישישאק** (לידער קרייז). די אלגעמיינע צאל פון דער באפעלקערונג איז איבער 600 פאמיליעס, דריי פערטל פון זיי זיינען יידישע.

די הויפט־פרנסה איז קרעמעריי. צוליב דער גרויסער צאל קראמען איז די קאנקורענץ זייער א שטארקע. אין אלע דערפער ארום איישישאק האבן זיך געעפנט קריסטלעכע קראמען, וועלכע ציען אפ די לייזונג. איבערהויפט איז דאס פילבאר היינטיקס הארבסט, צוליב דעם שלעכטן צושטאנד פון די וועגן. דער פויער פילט זיך צו פארן אין שטאט, בפרט נאך, אז ער קריגט אלץ, אין וואס ער נויטיקט זיך, צו קויפן ביי זיך אין דארף. אויך האבן זיך אין אלע דערפער פארמערט שוסטער און שניידער. עס פארן ארום איבער די דערפער שניידער־לערער פון ווילנע, וועלכע לערנען אויס דעם פאך די דארפישע יוגנט. די יידישע בעלי־מלאכות אין שטעטל האבן דאס אנגעהויבן שטארק צו פילן.

דאס גאנצע שטעטל — קרעמער, הענדלער, בעלי־מלאכות, איבערפארקויפערינס — ווארטן אלע אויף דעם מארק־טאג, וועלכע קומט פאר דאנערשטאג. איז א בלאטע, א רעגן אדער א חגא, ווען דער מארק קומט זיך ניט צונויף, איז א טרויער, דאס גאנצע שטעטל ליגט אויפן פנים, און עס רופט זיך זאגאר אפ אויף די צאלונגען אין פאלקסבאנק און אין דער גמילות־חסדים־קאסע. עס פאלגט נאכדעם א פוסטע וואך, ווייל אין די איבעריקע טעג איז דער פדיון א שוואכער, עס איז ניטא קיין באוועגונג אין מסחר און האנדל.

די גזירה פון די בעקערייען איז אויך דא שטארק. אלע בעקערייען זיינען געשלאסן, פון זיי 2 אינגאנצן, די איבעריקע — ביז וואנען זיי וועלן דורכפירן דעם געפאדערטן רעמאנט, וועלכער שמעקט מיט טויזנטער זלאטעס.

**אלקעניק** (ווילנער קרייז). ז. זייטן 433—444.

**אסטראוועץ** (ווילנער קרייז). די שטעטל, וועלכע האט א 30 יידישע פאמיליעס, באשטייט כמעט אויסשליסלעך פון קרעמער און הענדלער. עס קומען פאר אלע וואך גרויסע מערק. נאר דער פרייז פון די סחורות ווערט פארקאנקורירט פון די אנגעפארענע אויף יעטווידן מארק אין א גרויסער צאל פרעמדע קרעמער. מער ווי 20 פאמיליעס האבן ניט קיין אייגענע הייזער און קראמען און וואוינען אלס לאקאטארן ביי די ארטיקע קריסטן, וועלכע נעמען א גאנץ גרויסן דירה־געלט. די עקאנאמישע לאגע איז דעריבער א גאנץ שווערע.

**ארלאווע** (לידער קרייז). די אלגעמיינע צאל פון דער באפעלקערונג איז 150 פאמיליעס, פון זיי זיינען 45 יידישע.

די שטעטלע איז א פוסטע, אן קיין שום באוועגונג. פון א באן־סטאנציע איז זי 15 קילאמעטער ווייט. קיין מערק קומען ניט פאר. 50 פראצ. פון די יידן זיינען האנטווערקער, 25 פראצ. קרעמער און קליינהענדלער און כמעט ביי א 25 פראצ. אן קיין שום באשעפטיקונג.

די בעלי־מלאכות זיינען ניט קיין ספעציאליסטן אין זייער פאך. זיי קענען מאכן נאר א פשוטע ארבעט פארן פויער. די יינגערע דארפס־באפעלקערונג באנוגנט זיך שוין אבער ניט מיט אזא מין ארבעט. אלץ מער און מער הויבט אן דער דארף צו ניצן פארטיקע מלבושים און שיך, וועלכע ער קויפט איין אויף די מערק אין די נאענטסטע שטעטלעך (זשעלודאק, שטשוטשין), ביי די אנגעפארענע און ארטיקע קרעמער. די לאגע פון די בעלי־מלאכות פארערגערט זיך צוליב דעם פון טאג צו טאג.

אויך קרעמעריי און קליינהאנדל שטייען ניט גוט צוליב דעם, וואס עס זיינען דא ניטא קיין מערק. דער פויער האט שטארקע נטיה איינצוקויפן אלץ, וואס עס איז אים נויטיק, בעסער אויפן מארק אין דער פרעמדער כאטש ווייטערער שטעטל, איידער צו פארן אין דער נאענטסטער שטעטל, וואו עס איז קיין מארק ניטא. אויסערדעם, קריגט דער פויער צו קויפן זיינע טאג־טעגלעכע הצטרכותן [גאזע (נאפט), טאבאק, הערינג א. א.] ביי זיך אין דארף. כמעט אין יעדן דארף האט זיך געעפנט א קריסטלעכע קראם.

פאר דער מלחמה האט א גרויסער טייל פון שטעטל געלעבט פון „ספלאוו" פון געהילץ, וואס פלעגט גיין אויפן ניעמאן קיין דייטשלאנד. איצט איז דער „ספלאוו" א נישטיקער. מער ניט ווי א מענטשן 10 (א טייל פון דעם בעלי־מלאכות) ארבעטן זומער ביים „ברעג", אלס פשוטע טאג־ארבעטער. עטלעכע פון זיי ארבעטן אויך איצט אלס טאג־ארבעטער אויפן טארטאק.

דער טייל פון דער באפעלקערונג, וואס האט ניט קיין שום באשעפטיקונג, באשטייט פון ארעמע מלחמה־אלמנות און מלחמה־עגונות, וועלכע זיינען דא, לערך צו דער גרויס פון שטעטל, אין א באדייטנדער צאל, און פון כמה אלטע אדער קראנקע מענטשן. נאר א פאר פון זיי לעבן פון דער קליינער שטיצע, וועלכע זיי באקומען פון קרובים פון אמעריקע. די איבעריקע זיינען זייער ארעם. אט די ארעמקייט איז דאס די קליענטור פון גמ"ח אויף די גאר קליינע הלואות (פון 5 ביז 25 זל.). אמאל גיט מען זיי ארויס א קליינע הלואה פון 5—20 זל. אויף צו קויפן א וואגן האלץ אדער א פור קארן. נאכדעם צאלן זיי איר ווי עס איז אויס אין א געוויסן משך צייט.

**אשמענע** (ווילנער וואיעוו.). די אלגעמיינע צאל פון דער באפעלקערונג איז 7.000 נפשות (מיט די צוגעגעבענע דערפער), פון זיי 2.700 יידן.

די הויפט־באשעפטיקונגען פון די יידן זיינען קרעמעריי, קליינהאנדל און האנטווערקעריי.

קרעמער און קליינהענדלער זיינען פאראן ביי א 300, האנטווערקער ביי א 100.

עס איז דא א גרויסער איבערפלוס אין קראמען (שניט־קראמען, למשל, איז פאר דער מלחמה געווען ביי א 10, איצט 25). אין שטאט ארבעטן אויסערדעם, מיט גרויס ערפאלג א רייכער קריסטלעכער קאאפעראטיוו (אן אפטיילונג פון דער „צענטר. ראלניטשא" אין ווילנע). ער טרייבט אויס סחורה (איבערהויפט שווערע ארטיקלען) וואגאנענווייז. אויף זיין לאגער געפינען זיך: בוי־מאטעריאלן (צעמענט און וואפנע), אייזן, לאנדווירטשאפטלעכע מאשינעס, סופערפאספאטן, אלערליי זריעות, תבואות, מעל, קלייען, גרויפנס, צוקער, הערינג, גלאז און גלאזווארג, בלייע געשיר, טאבאק, אויך גאלאנטעריי. אויף זאלץ און נאפט האט דער קאאפעראטיוו די איינציקע קאנצעסיע אין שטאט און פארן געגנט. דורכדעם נייט ער די יידישע קרעמער, וועלכע מוזן אנקומען צו אים קויפן די לעצטע צוויי ארטיקלען, זיי זאלן ביי אים נעמען אויך אנדערע סחורות. דער קאאפעראטיוו פארקויפט זיינע סחורות אויף הורט און דעטאיל, און דער געשעפט ווערט בכלל געפירט אין א גרויסן מאסשטאב. אין לעצטן יאר האט ער גענומען איינקויפן, אויך אין א גרויסן מאסשטאב, תבואות, פלאקס און זוימען. אויסערן קאאפעראטיוו ארבעטן אין שטאט אייניקע קריסטלעכע קראמען (איינע פון זיי איז זייער א גרויסע), און פיל קריסטלעכע קראמען זיינען דא אין די ארומיקע דערפער. דער מארק קומט פאר איינמאל אין וואך, אלע דאנערשטאג. אויפן מארק פארן אן א מאסע פרעמדע קרעמער, צווישן זיי אויך די אזוי־גערופענע „זאדארמניקעס" (וואנדערנדע קרעמער, וועלכע סטארען זיך אויף די מערק צוציען קונדן דורך די אויסרופן: זאדארמא, זאדארמא! אימזיסט, אומזיסט!). די אנגעפארענע קרעמער מאכן זייער קאליע די פרייזן. זיי קויפן איין על פי רוב פארלעגענע סחורות, בראק אדער א גאנצן אלטן רומל, דערצו געווייגלעך פאר

*) צוליב דער פארארדענונג פון דער מאכט און אירע נייע היגיענע־סאניטארע פארשריפטן, וואס זיינען זייער שטרענג און פאדערן גרעסערע הוצאות אויף איינריכטונגען און רעמאנטן. די פארשריפטן זיינען נוגע בעקערייען, יאטקעס, שפייז־קראמען, האטעלן א. אז. וו.

מזומן. זעלבסטפארשטענדלעך, אז זיי קענען דעריבער קאנקורירן מיט די קרעמער, וועלכע קויפן באר רעאלע און מערערע סחורות און אויסשליסלעך אויף וועקסלען. זיי ברענגען צו אומגעהויערן שאדן די ארטיקע קרעמער, וועלכע זיינען אזוי אויך דערשלאגן. מאטערן זיך טאקע דעריבער די היגע קרעמער זייער ביטער, און קוים-קוים, וואס זיי האלטן זיך, ווייל פון דער פרנסה, וואס טראגט זיי ארײַן די קרעמעריי, מוזן זיי נאך צאלן גרויסע שטייערן.

דער האנדל באשטייט דא דער עיקר מיט פלאקס און תבואות. דערהויפט איז געשלאגן דער תבואה-מסחר.

פון די האנטווערקער שטייען זייער שלעכט די שוסטער. די פארטיקע סחורה האט אינגאנצן אפגענומען די ארבעט ביי דעם פ.ק. די קריסטלעכע שוסטער האבן אויסגעשטעלט מאשינעס, מיט וועלכע מ'קען זייער שיין און גוט פארריכטן שיך. די יידישע שוסטער מאכן שיך-„פאטשינקעס" אויפן אלטן שטייגער, מיטן האנט. זיי פארלירן צוליב דעם וואס ווייטער, אלץ מערער, זייער קונדשאפט. אויך די איבעריקע בעלי-מלאכות האבן ווייניק ארבעט, און עס איז דא צווישן זיי פאראן א באדייטנדער טייל ארבעטסלאזע.

מ'פאדערט איצט פון די ווירטן פון די הייזער, אז זיי זאלן דורכפירן גרויסע רעמאנטן, ווי, למשל, שאלעווען און פארבן די פאדערשטע וואנט פון די הייזער און ווייסן די איבעריקע ווענט, מאכן טראטואַרן פון צעמענט א. א. דער גרעסטער טייל יידישע בעלי-בתים פון די הייזער האבן ניט די קלענסטע מעגלעכקייטן ביי דעם מאמענט צו דורכפירן עס.

**אלשאן** (צשמענער קרייז). א טייל שטעטל (27 יידישע הייזער מיט 35 משפחות) האט אפגעברענט דעם 21 יוני 1929. די אלגעמיינע צאל יידישע משפחות אין שטעטל באטרעפט איבער 200; צווישן זיי 15 פראצענט ערד-ארבעטער, וועלכע פארמאגן 54 דעסיאטין פעלד לעבן שטעטל און 8 דעסיאטין אין שטעטל. די ערד באארבעטן זיי אליין; ווייטער 30 פראצענט האנטווערקער, די איבעריקע קרעמער, קליינהענדלער און אן א באשטימטער פראפעסיע.

**באראנאוויטש** (נאוואגרודקער וואיעוואדסטווע). דאס פארגרעסערטע באראנאוויטש (צוגעגעבן אייניקע נאענטע ישובים) האט א באפעלקערונג פון 22.000 נפשות, פון וועלכע 54 פראצ. (געגען 12.000 נפשות) מאכן אויס די יידן.

די שטאט וואקסט שנעל און צוליב דעם האט זי אפילו באקומען א נאמען פון דער „פוילישער טשיקאגא אויף די קרעסן". אנדערע רופן איר אויך „פוילישער מינסק", פארגלייכנדיק איר מיט דעם אמאליקן מינסק צוליב דער באדייטונג, וואס זי האט איצט אלס צענטער פארן האנדל און קאמוניקאציע אין דער גאנצער ארומיקער געגנט, ווי דאס האט געהאט בשעתו מינסק.

אין באראנאוויטש געפינען זיך א ריי גאר גרויסע און פיל מיטעלע האנדלס-אינטערנעמונגען, וואס גיבן צו דער שטאט דעם אויבן-אנגעוויזענעם כאראקטער. אבער אויסער די דאזיקע גרויסע און גרעסערע געשעפטן — אן ערך 10 פראצ. פון אלע האנדלס-אונטערנעמונגען — שטייט דא די קרעמעריי, ווי אויך דער קליינהאנדל, אזוי ווי אין אלע אנדערע שטעט, ניט אין א גוטן מצב. עס איז דא אין שטאט א גרויסער איבערפלוס פון אלערליי מינים קראמען און קרעמלעך. אויסערדעם מערן זיך קראמען אין די דערפער. די לייזונג איז צוליב דעם א שוואכע. די פרייזן פארן קאנסומענט



שלאגן ארונטער די גרויסע קרעמער, וועלכע פירן גלייכצייטיק אי אן אנגרא, אי א דעטאיל-האנדל. דאס זעלבע איז אויך מיט דעם קליינהאנדל. אויף יעדער סחורה איז דא 100 מוכרים. די פארדינסטן זיינען צוליב דעם מינימאלע. זייער געדריקט זיינען דא די שוסטער, ווי אויך א טייל שניידער, צוליב דעם, וואס מען קויפט אין די קראמען פארטיקע שיך און זאכן, וועלכע ווערן געבראכט פון דער פרעמד.

דא איז אויך פאראן אן ארעמקייט, פאר וועלכער עס מוז געשאפן ווערן שטענדיקע הילף. דאס זיינען אינוואלידן, עלנטע עלטערע מענטשן, ווי אויך אזעלכע, וואס צוליב ארבעטסלאזיקייט זיינען זיי בעקומען צו דער לעצטער מדרגה. פאר די אלע פונקציאנירט דא א חברה „בית לחם". זי גיט ארויס ברויט און האלץ. ביים איצטיקן מאמענט באקומען שטיצע דורך דער חברה 620 פערזאן. עס ווערט ארויסגעגעבן צו 7 פונט ברויט א וואך פאר א פערזאן און צו 1 וואגן האלץ א פאמיליע. די מיטלען באקומען זיך פון ארטיקע זאמלונגען, פון נדבות און פון א סובסידיע פון מאגיסטראט 4000 זל. א יאר.

ס'איז אינטערעסאנט צו פארצייכענען פאלגנדן פאקט פון באראנאוויטשער „צדקה-סיסטעם": דער ארטיקער קאמיטעט (קהלה) באשטייערט די יידישע באפעלקערונג אויף מעות חיטין און די באשטייערטע טראגן אליין ארײַן דאס געלט אין קאמיטעט און מען דארף ניט גיין צווישן זיי קלייבן מבית לבית, ווי געוויינלעך. אויך אין אנדערע פאלן פירט דורך דער באראנאוויטשער קאמיטעט (קהלה) אזוי די זאמלונגען אדער באשטייערונגען אויף ספעציעלע וואוילטעטיקע צוועקן.

9 בעקערייען זיינען דא געשלאסן. 22 בעקער מאכן איצט בשותפות א מעכאנישע בעקעריי.

דא זיינען אויך געשלאסן א טייל האטעלן, ביי וועלכע מען פלעגט דורכצופירן גרויסע רעמאנטן.

**בודסלאוו** (מאלאדעטשנער קרייז). אין שטעטעלע זיינען דא ביי א 50 יידישע פאמיליעס. די צאל קריסטלעכע פאמיליעס איז אין 4 מאל גרעסער, ווי די יידישע. א לעבעדיקע שטעטעלע מיט גרויסע וועכנטלעכע מערק און גרעניץ-מיליטער. עס זיינען דא 4 קריסטלעכע געשעפטן (איינער א קריסטלעכער קאאפעראטיוו פון נאך פאר דער מלחמה) און א גרויסער מיליטערישער קאאפעראטיוו. די לאגע איז ניט קיין שלעכטע.

**ביטען** (סלאנימער קרייז). די אלגעמיינע צאל פון דער באפעלקערונג איז 375 משפחות, פון זיי 180 יידישע.

די הויפט-באשעפטיקונגען פון די יידן — קרעמעריי, קליינהאנדל און האנטווערקעריי. אין 1928 יאר זיינען ארויסגענומען געווארן 60 האנטווערקער-פאטענטן און 40 פאטענטן אויף קראמען.

די געגנט ארום איז א זאמדיקע און וואלדיקע. די הויפט-פרנסה פון פויער איז געווען פון „וואזקע" פון געהילץ פון די וועלדער צום באן, צו דער „שטשארע" (א טייך ביים שטעטל) אדער צו די טארטאקעס. די הויפט-ארבעט ביי דער „וואזקע" איז ווינטער-צייט. דער פויער פלעגט גוט פארדינען, און די געלט זיינע פלעגט ער לאזן אין שטעטל: ביים בעקער (אייגענע ברויט האט די ארטיקע פויערישע באפעלקערונג ווייניק), ביים קרעמער און בעל-מלאכה. היינטיקס יאר איז כמעט א פולשטענדיקער שטילשטאנד אין דער האלץ-בראנזשע. דער פויער פארדינט ניט, און דאס האט זיך אפגערופן אויפן שטעטל. א 30 בעקער, וואס האבן געצויגן זייער חיונה פון בעקעריי, האבן כמעט אינגאנצן אויפגעהערט צו באקן. מ'לייזט זייער שוואך אין די קראמען. די בעל-מלאכות





האבן ווייניק ארבעט. די גרויסיקסטע, וואס דער פויער קויפט שוין יעצט, נעמט ער אויף בארג. די קרעמער קומט גרויסע חובות פון די פויערים.

דירעקט פון קריזיס אין דער האלץ-בראנזשע זיינען געטראפן די 25 יידישע וואזשאקעס און ביי א 20 יידישע שאפארס און אנדערע אנגעשטעלטע ביי דעם האלץ-מסחר, וועלכע לעבן איצט איבער זייער א שווערע צייט.

א מארק קומט פאר אין שטעטל איינמאל אין חודש, אלע 20-טן. אויפן מארק פארן צו פרעמדע קרעמער (קריסטן) מיט פארטיקע זאכן, שיך, באקאליי, וועלכע לייזן מער פון די ארטיקע קרעמער. אויך קומען קריסטלעכע בעקער, וועלכע ברענגען אויפן מארק געבעקס. אויסערדעם, זיינען דא אין די ארומיקע דערפער קריסטלעכע קראמען.

פאר דער מלחמה האט די שטעטל געהאט גרויס פרנסה פון „ספלאווי" פון האלץ אויף דער „שטשארע", וועלכער פלעגט גיין פון פאלעסיע קיין דייטשלאנד. אין שטעטל האט אויך געארבעט א טוך-פאבריק מיט א שפינעריי, וועלכע האבן געהערט צום ארטיקן פריץ. א 40 יידן האבן דארט געארבעט אלס וועבער, שפינער און שפוליארעס. עס האט נאך געארבעט א לעדער-פאבריק, וואס האט געהערט צו א ייד און אויף וועלכער כמעט אלע ארבעטער (30—40) זיינען געווען יידישע און האבן זייער גוט פארדינט. אין 1915 יאר זיינען ביידע פאבריקן חרוב געווארן בעת די אפטרעטנדע רוסן האבן אונטערגעצינדן און פארברענט דעם גרעסטן טייל פון שטעטל. די מערהייט פון דער יידישער באפעלקערונג איז זיך דאן צעלאפן און האט זיך געפינען ביז איבער דער מלחמה אין די ארומיקע שטעטלעך.

א גרויסע הילף פארן שטעטל איז די אמעריקאנער שטיצע פון קרובים און פריינד, וועלכע עס באקומט מער ווי 50 פראצ. פון דער יידישער באפעלקערונג.

2 בעקערייען האבן דורכגעפירט גרויסע רעמאנטן און זיינען אפן, די איבעריקע זיינען געשלאסן פון דער מאכט.

**בעליצע** (לידער קרייז). די אלגעמיינע צאל פון דער באפעלקערונג איז איבער 300 פאמיליעס, פון זיי 120 יידישע.

די הויפט-באשעפטיקונג — קרעמעריי און קליינהאנדל. די ביידע פרנסות שטייען זייער שלעכט. עס איז דא אן איבערפלוס פון קראמען. אויסערדעם, זיינען פאראן קריסטלעכע קראמען אין אלע דערפער. אין שטעטל גופא ארבעט א רייכער און גרויסער קריסטלעכער קאאפעראטיוו, וועלכער איז א געפערלעכער קאנקורענט פאר די יידישע קרעמער. ביים קאאפעראטיוו, אונטער איין און דערזעלביקער אנפירונג, איז טעטיק א ליי-קאסע („קאסא סטעפטשיקא"), וועלכע באווייזט גרויסע מיטלען. זיי „סטראשען" די פויערים, אז זיי וועלן ניט קריגן קיין הלוואות אין דער קאסע, אויב די פויערים וועלן ניט קויפן אין קאאפעראטיוו. איצט עפנט אין דער קאאפעראטיוו מיט דער הילף פון דער ליי-קאסע א מילך-ווירטשאפט. זיי גיבן ארויס דער קריסטלעכער באפעלקערונג הלוואות אויף איינצושאפן בהמות. די מילך וועלן זיי דארפן טראגן אין קאאפעראטיוו, און אויף אזא אופן וועלן זיי אויסצאלן זייערע הלוואות.

די לאגע פון די יידישע קרעמער איז געווארן נאך ערגער, זינט די פארוואלטונג פון קאאפעראטיוו האט אויפגעשטעלט, ניט קוקנדיק אויף די פראטעסטן מצד דער יידישער באפעלקערונג, א גרויסן בנין אינמיטן מארק, וואו מען האט איינגעארדנט דעם קאאפעראטיוו. איצט שטעלט

מען אויף א צווייטן גרויסן בנין פאַר דעמזעלבן צוועק אויף דעם פּלאַץ, וואו עס שטעלט זיך אויס דער פערד- און בהמות-מאַרק, וועלכער איז מיט א צייט צוריק אַריבערטראָגן געוואָרן פון צענטער אויסערן שטעטל.

אויפן מאַרק, וועלכער קומט פאָר מיטוואָך, פאָרן אָן פרעמדע קרעמער (ס׳רוב קריסטלעכע) מיט כלערליי סחורות. אויך ברענגען אָן בעקער פון לידע און פון די אַרומיקע שטעטלעך (אויך ס׳רוב קריסטלעכע) געבעק און ברויט.

דער קליינהאַנדל פירט זיך אין זייער א קליינעם פאַרמאָס און ליידט אויך פון אן איבערפלוס אין קליינהענדלער און פון דער פרעמדער קאָנקורענץ.

די בעל-מלאכות, דערהויפּט שוסטער און שניידער זיינען געדריקט. שניידער און שוסטער זיינען פאַראַן אין אַלע דערפער. די קריסטלעכע באַפעלקערונג הויבט אַליין מער און מער אָן צו ניצן פאַרטיקע שיך און זאַכן.

די 5 בעקערייען אין שטעטל זיינען אַלע געשלאָסן. מ׳האָט די בעקער געשטעלט גרויסע פאָדערונגען, וועלכע זיי זיינען ניט ביכולת צו דערפילן.

פאַר דער מלחמה האָט א גרויסער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג אין שטעטל געלעבט פון „סלאַווי“ פון האָלץ אויפן ניעמאַן קיין דייטשלאַנד. עס זיינען געווען פאַרשיידענע פאָדריאַטשיקעס ביים „סלאַווי“, אַרום וועלכע ס׳פלעגן פאַרדינען פיל מענטשן. אַנדערע פלעגן פאַרדינען פון „וואָזקע“, פון טאָג-אַרבעט ביים ברעג א. א. וו. איצט איז דאָס איינגאַנצן אונטערגעגאַנגען.

**גלובאָקע** (דיסנער קרייז). די אַלגעמיינע צאָל פון דער באַפעלקערונג איז 1.100 פאַמיליעס, פון זיי 800 יידישע.

די הויפּט-באַשעפטיקונגען פון די יידן זיינען קרעמעריי, קליינהאַנדל (ס׳רוב פון די קליינהענדלער זיינען פּראַסלער, ד. ה. פאַרמיטלער ביים איינקויפן פון תבואה, זייען און פלאַקס צווישן פויער און גרויסן סוחר) און בעל-מלאכות.

אין שטאָט אַרבעטן 5 קריסטלעכע קאָאָפּעראַטיוון: דער קאָאָפּעראַטיוו „ראָלניק“, וועלכער ווערט געשטיצט פון סיימיק, 3 קאָאָפּעראַטיוון, וועלכע זיינען געגרינדעט געוואָרן דורך גרויסע פון אָרטיקע גוטסבאַזיצער און פון גלח, און 1 ווייסרוסישער קאָאָפּעראַטיוו. אין „ראָלניק“ איז דאָ באַקאַליי, אייזן און לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינעס. דער „ראָלניק“ און דער ווייסרוסישער קאָאָפּעראַטיוו לייזן זייער גוט. אָבער אויך די 3 גרויסע יידישע „הורטאָווניעס“, וועלכע געפינען זיך אין גלובאָקע, מאַכן ניט קיין שלעכטע געשעפטן. אין גלובאָקע איז דאָ א צענטער פון א גאַנץ גרויסער אַרומיקער סביבה, פון שטעטלעך און פון דערפער, וועלכע קויפן דאָ איין אַלע נייטיקע סחורות. היינטיקס יאָר גייען דאָ דורך דורכן אָרטיקן פּריוואַטן האַנדל צענדליקער וואַגאָנעס מיט קאָרן, מעל א. אַז. וו. די גרעסערע סוחרים און קרעמער (אומגעפער א 10 פּראָצ. פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג), אַפילו אין דעם איצטיקן קריזיס-יאָר, האַנדלען און פאַרדינען.

דערפאַר אָבער שטייט די גאַנצע איבעריקע מאַסע פון די קלענערע קרעמער, קליינהענדלער (פּראַסלער) און בעלי-מלאכות זייער שלעכט. די סיבה דערפון איז די אומגעראָטעניש פון פאַריקן זומער אויף תבואה, ווייץ און פלאַקס. די קליינהענדלער, קאַראַבעלניקעס און בעלי-מלאכות זיצן דעם גאַנצן ווינטער ליידיק, אָן קיין שום באַשעפטיקונג אָדער אַרבעט, און זייער לאַגע, ווי אויך די לאַגע פון די קלענערע קרעמער (ד. ה. 90 פּראָצ. פון דער אַלגעמיינער צאָל קרעמער), איז א קריטישע און זייער א טרויעריקע. פאַר 35 פאַמיליעס גייט מען קלייבן ברויט און האָלץ איבערן שבת.

**דונילאָוויטש** (פּאָסטאַווער קרייז). די אַלגעמיינע צאָל פון דער באַפעלקערונג איז 400 פאַמיליעס, פון דעם 200 יידישע.

די הויפּט-באַשעפטיקונגען פון די יידן זיינען קרעמעריי, קליינהאַנדל און האַנטווערקעריי.

די קרעמער ליידן פון מאַנגל אין קרעדיט און, איבערהויפּט, פון דער שטאַרקער קאָנקורענץ מצד דעם פּוילישן קאָאָפּעראַטיוו, ווי אויך פון די פרעמדע קרעמער, וועלכע פאָרן אָן אַהערצו אויף די מאַרק. דער קאָאָפּעראַטיוו האָט אַלע סחורות, אויסער מאַנופאַקטור און שניטוואַרג. ער לייזט זייער פיל. די פרעמדע קרעמער (ס׳רוב קריסטן), וועלכע קומען אַהער צום מאַרק (דער מאַרק קומט דאָ פאָר איינמאָל אין וואָך, אַלע דינסטאָג), ברענגען צו פירן שניט, לעדער, גאַלאַנטעריי, זייף, הערינג און אַנדערע באַקאַליי-סחורות. זיי פטרן צוועק די פרייזן, און ברענגען דערמיט אָן אומגעהויערן שאָדן די אָרטיקע יידישע קרעמער. שניט קויפן זיי אָן ראַמשן און פאַר מזומן געלט. די סחורה מאַכט זיי אויס אַזוי אַרום פיל ביליקער ווי דעם יידישן קרעמער, וועלכער שאַפט נאָר רעאַלע סחורה און נעמט עס אויף קרעדיט. דער פויער קלייבט זיך ניט אונטער אין דער קוואַליטעט פון דער סחורה, און ער פאָדערט, אַז דער יידישער קרעמער זאָל אים אָפּגעבן זיין רעאַלע סחורה אויף דעמזעלביקן פּרייז, ווי דער פרעמדער קרעמער פאַרקויפט אים די ראַמשן. באין ברירה, ווייל עס שפּאָרן די צאָלונגען פון די וועקסלען, איז דער יידישער קרעמער גענייטיקט זייער אָפט צו פאַרקויפן זיין סחורה אָן פּרנסה און אַמאָל זאָגאַר אונטערן קרן. און אַזוי איז די לאַגע אויך מיט די אַנדערע סחורות. הערינג, למשל, פאַרקויפן די פרעמדע קרעמער 8 שטיק (און גוטע סחורה) פאַר א זלאָטע, אין דער צייט, ווען דער יידישער קרעמער, וועלכער מוז זיך שטעלן עטוואָס פּרנסה אויף דעם, קען געבן פאַר א זלאָטע מער ניט, ווי 6 שטיק. די זאַך דערקלערט זיך דערמיט, וואָס דער קריסטלעכער קרעמער (געוויינלעך א דאָרפישער פויער) דאַרף ניט לעבן פון קרעמעריי, און עס איז ביי אים, אַזוי צו זאָגן, א ביי-זאַך.

דער קליינהאַנדל פירט זיך דאָ אין זייער א קליינעם מאַסשטאַב. דער פלאַקס- און זוימען-האַנדל איז דאָ ניט אַנטוויקלט. די קליינהענדלער פירן אויסן דאַרף פאַרשיידענע סחורות, וואָס זיי בייטן עס אויס ביים פויער אויף פעלכלעך, חזיר-האָר, שמאַטעס, קאַרטאָפל א. אַז. וו. צוליב דער אָרעמקייט פון פויער זיינען היינטיקס יאָר אויך די קליינהענדלער זייער געדריקט.

די האַנטווערקער, איבערהויפּט שוסטער און שניידער, זיינען אַרבעטסלאָז. בכלל, איז אין די לעצטע יאָרן דאָ זייער ווייניק אַרבעט, ווייל מ׳קויפט אַליין מער און מער פאַרטיקע שיך און בגדים, ווי אויך צוליב דעם, וואָס סיי אין שטעטל גופא, ווי אויך אין אַלע דערפער זיינען דאָ פיל קריסטלעכע בעלי מלאכות. אויך מערן זיך אין די דערפער די צאָל פון די קריסטלעכע קראָמען.

ווי עס האָט איבערגעגעבן אן אָרטיקער פורמאַן, וועלכער נעמט אָפּ פון באַן די גאַנצע סחורה, וואָס קומט אָן פאַר די היגע קרעמער, האָט זיך היינטיקס יאָר פאַרקלענערט דער קוואַנטום סחורה (גערעכנט אין פורן), וואָס איז אָנגעקומען מיטן באַן פאַר די אָרטיקע יידישע קרעמער, מער ווי אויף א העלפט.

**דאָוגעלישעק** (סווענציאַנער קרייז). די אַלגעמיינע צאָל פון דער באַפעלקערונג איז 350 נפשות, פון זיי 175 יידן.

עקאָנאָמיש איז די שטעטל פולשטענדיק צורויאינירט. גאַנצע 75 פּראָצ. פון דער יידישער באַפעלקערונג זיינען לויטער אָרימעלייט, וועלכע קעמפן ביטער פאַר זייער טאָג-טעגלעכן ברויט. מען געפינט דאָ מאַנופאַקטור-קרעמער פון פאַר 2 יאָרן, וועלכע מוזן איצט וואַנדערן איבער ווייטע דערפער, וואו זיי קויפן איין א פאַר קילאָ פיש, פון וועלכע זיי פאַרדינען עטלעכע זלאָטעס א וואָך. זייערע געשעפטן, וואָס זיי האָבן געפירט פריער, זיינען אונטערגעגאַנגען צוליב דעם, ווייל דער פדיון איז געווען א מינימאַלער, און שטייערן האָט מען געמוזט צאָלן גרויסע. זייער איצטיקער לעבן איז א העכסט קלאָגעדיקער. עס זיינען דאָ אַרבעטסלאָזע בעל-מלאכות, וואָס זיי מיט זייערע פאַמיליעס הונגערן ממש. אַלע כאַפּן זיך צום דאָרפס-האַנדל. דער הויפּט-אַרטיקל פון דעם האַנדל איז פיש. מ׳וואַנדערט אַרום צו פוס אין די דערפער פאַר 10—15 קמ. ווייט, כדי נאָכדעם צו ברענגען אַהיים א 4—5 קילאָ פיש. מ׳קען פאַרשטיין, וואָס פאַר א פּרנסה עס קען אַריינברענגען אַזאַ מין מסחר. זיך פאַרנעמען מיט עפּעס אַנדערש—איז אַבסאָלוט ניטאָ מיט וואָס. ווער עס קען נאָר — אַנטלויפט פון שטעטל. עס גייט פון דאַנען א פאַרהעלטניסמעסיק גרויסע עמיגראַציע קיין אַרגענטינע, דרום-אַפריקע א. א. לענדער, וואו א יידישער עמיגראַנט קען זיך נאָך אַריינשטופּן. די הוצאות אויף דער רייזע שאַפט מען זיך איין דורכדעם, וואָס מען פאַרקויפט אַלץ, וואָס מ׳האָט דאָ, אין שטעטל. אָבער ווען דאָס איז אויך ניט מעגלעך, זיינען געווען פאַלן, ווען מען כאַפּט אָן וואו און וואָס נאָר עס לאָזט זיך (ס׳רוב סחורה אויף קרעדיט ביי די ווילנער קרעמער), מען מאַכט עס צו געלט און ויברח.

האַנטווערקער זיינען דאָ אַן ערך 40 פּראָצ. פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג, קרעמער א 25 פּראָצ., די איבעריקע זיינען דאָרפס-הענדלער אָדער מענטשן אָן קיין שום באַשעפטיקונג. מיטן דאָרפס-האַנדל פאַרנעמען זיך אָבער אויך די אַרבעטסלאָזע בעל-מלאכות, אַזוי, אַז דער פּראָצענט פון די דאָרפס-הענדלער איז א 50—60 פּראָצ. פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג.

דער מאַרק איז איינגעפירט געוואָרן ערשט מיט 3 חדשים צוריק. ער קומט פאָר אַלע מאָנטאָג. עס פאָרן זיך אויף זייער ווייניק פורן. די באַפעלקערונג איז איינגעוויינט צו פאָרן אויפן מאַרק אין די אַרומיקע גרעסערע פונקטן: ווידז און סווענציאַן. קיין בהמות און פערד-מאַרק קומט איינגאַנצן ניט פאָר.

די סביבה אַרום — אַן אָרימע. דער באָדן א ליימיקער, צום טייל באַדעקט מיט וואַלד אָדער אויך מיט אָזיערעס. נאָך דער אומגעראָטעניש, וואָס איז דאָ אויסגעפאַלן אין 1927 און 1928 יאָר איינע נאָך דער אַנדערער, איז די היגע פויערישע באַפעלקערונג שטאַרק פאַראָרעמט. דאָס רופט זיך אָפּ אויפן בעל-מלאכה און קרעמער. דער פויער האָט ניט די קלענסטע מעגלעכקייט, ניט צו מאַכן זיך וואָס, ניט עפּעס צו קויפן. אַפילו דער קריסטלעכער קאָאָפּעראַטיוו, וואָס אַרבעט אין שטעטל, שטייט צוליב דעם גאַנץ שוואַך.

אין די דערפער אַרום זיינען דאָ קריסטלעכע בעל-מלאכות פון אַלע פאַכן.

אַלע בעקערייען און יאַטקעס זיינען געשלאָסן. אויסער די געפאָדערטע רעמאָנטן, וואָלטן זיי ניט געקענט אַרבעטן צוליב נאָך אַן אַנדער טעם: קיין בעקעריי און יאַטקע קען דאָ ניט דעקן פון אירע

הכנסות די יציאות פון פּאַטענט און שטייערן. צוליב דעמזעלביקן טעם איז אין שטעטל ניטאָ אויך קיין איין ייִדישע „פּיוואַרניע" (ביר-שטוב).

**דובינאָווע קאָלאָניע** (בראַסלאַווער קרייז). די אַלגעמיינע צאָל פון דער באַפעלקערונג באַטרעפט 95 פאַמיליעס, פון זיי 90 ייִדישע און נאָר 5 קריסטלעכע. די קריסטן, וואָס וווינען דאָ, האָבן אַליין קיין ערד ניט, און לעבן פון דעם, וואָס זיי פאַרדינען ביי די ייִדן.

די הויפּט באַשעפטיקונג איז ערד-אַרבעט. דער ייִדישער באַזיץ פון באָדן אין דער קאָלאָניע באַטרעפט 540 העקטאַר, אין דעם איז פאַראַן אַ טייל אומפּרוכטבאַרער באָדן און 2 קליינע אָזיערעס (דאָס אַרענדע-געלט פאַר די אָזיערעס, 82 זל. אַ יאָר, איז דעם רב'ס אַ הכנסה). עס ווערן באַאַרבעט איבער 300 העקטאַר ערד. מ'זייט קאָרן, גערשטן, האָבער, אַרבעס, באָב, גריקע. מ'פּאַרזעצט קאַרטאָפל. יעדערער האָט לעבן שטוב אַ גאָרטן, כמעט אַלע האָבן פערד. די קאָלאָניע האָט אויך אַ לאָנקע. די ערד באַאַרבעטן די קאָלאָניסטן אַליין. אַלע האָבן צו 1 פערד, און קי פון 1 ביז 4. אויף איינצושאַפן קי האָבן די קאָלאָניסטן באַקומען אַ הלוואה פון „אָרט", וועלכער האָט אין יאָר 1927 איינגעאָרדנט אין דער קאָלאָניע אַ מילך-ווירטשאַפט (די איינציקע ייִדישע אין גאַנץ ווילנער געגנט) אַלס קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט, וואָס איז אָנגעשלאָסן געוואָרן אָן דעם ייִדישן רעוויזיאָנס-פאַרבאַנד. דער קאָאָפּעראַטיוו ברענגט די קאָלאָניסטן זייער גרויסע נוצן. מיטן מילך, וואָס זיי שטעלן צו אין קאָאָפּעראַטיוו, צאָלן אויס די קאָלאָניסטן זייערע הלוואות אויף די קי. אין פאָריקן זומער פלעגט דער קאָאָפּעראַטיוו האָבן 500—700 ליטער מילך טעגלעך. פון מילך מאַכט מען אין דער ערשטער ניט זייער הייסער פרילינגס-צייט זיסן פּוטער, און נאָכדעם, אין משך פון גאַנצן זומער ביז אין האַרבסט אַריין, האָלענדער קעז. ווער עס דאַרף ניט צאָלן אויף דער הלוואה, דער באַקומט אויסגעצאָלט יעדן חודש פאַרן מילך, וואָס ער האָט צוגעשטעלט אין קאָאָפּעראַטיוו. דאָס פאַרגרעסערן זיך פון דער צאָל קי אין קאָלאָניע איז זייער וויכטיק אויך דערמיט, וואָס די קאָלאָניסטן האָבן איצט פיל מער מיסט, ווי פריער, און זיי קענען אויסבעסערן זייער ערד-ווירטשאַפט.

דער באָדן פון דער קאָלאָניע רעכנט זיך אין געגנט ניט פאַר קיין שלעכטן. די געראָטענישן אין אַ נאָרמאַלן יאָר איז געוויינלעך אַ 4—5 פאַליקע.

די שרעקלעכע אומגעראָטענישן, פון וועלכע עס האָט אין פאָריקן זומער געליטן דער גאַנצער בראַסלאַווער קרייז, האָט ניט אויסגעמיטן אויך די ייִדישע קאָלאָניע. אַלץ, וואָס איז געווען פאַרזייט אויף די פעלדער, איז פאַרלאָרן געגאַנגען. היי איז ניט געוואַקסן. מער ניט ווי קאָרן איז ביי די ייִדישע קאָלאָניסטן ניט אינגאַנצן פאַרלאָרן געגאַנגען, און די געראָטענישן פון דעם איז געווען ביי די ייִדן עטוואָס בעסער, ווי ביי די קריסטלעכע שכנים פון די אָרעמיקע דערפער. אָבער אייגענע ברויט האָבן ס'רוב קאָלאָניסטן געהאַט מער ניט, ווי אויף אַ פּאָר חדשים.

די בעל-מלאכות אין דער קאָלאָניע, פון וועלכע די מערהייט באַשטייט פון שניידער (איבער אַ צענדליק), האָט געלעבט פון פריער, זונטאָג פלעגן זיך די בעל-מלאכות אַרויסלאָזן, ווער צו פוס און ווער מיט אַ פערד און וואָגן (יעדער היגער בעל-מלאכה האָט אַ קלענערע אָדער גרעסערע ערד-נחלה, וועלכע ער באַאַרבעט זומער, און דערביי האָבן אַלע בעלי-מלאכות אויך פערד), אין די נאָענטע און ווייטערע דערפער פון דער סביבה. די שניידער פלעגן מיטנעמען מיט זיך די ניי-מאַשין, ווי אויך אַ קליינעם רומל פון קליידער-צוגאָבן (אונטערשלאַק, קנעפּלעך א. א. וו.). די גאַנצע וואָך פלעגן די בעל-מלאכות אַרבעטן אין די דערפער, ביי די פּויערים אין די הייזער, ביי וועלכע עס פלעגט זיך זיי מאַכן אַרבעט. די הוצאות פון אויסקומען אין דאָרף פון בעל-מלאכה מיט זיין פערד זיינען געווען זייער קליינע. דער בעל-הבית, ביי וועלכן מען האָט געאַרבעט, האָט ניט געשאַלעוועט ניט קיין שטיקל ברויט, אַ קאַרטאָפל אָדער אַ ביסל מילך פאַרן מייסטער, ניט קיין ביסל פוטער פאַר זיין פערד. אויף שבת פלעגט דער בעל-מלאכה זיך אומקערן אַ היים מיט זיין פאַרדינסט פאַר דער וואָך, וועלכע איז באַשטאַנען על פּי רוב פון ערד-פּראָדוקטן, זעלטענער אין מזומן-געלט. היינטיקס ווינטער זיצן אַלע בעלי-מלאכות אינדערהיים. צוליבן הונגער איז אַבסאָלוט קיין אַרבעט אויפן דאָרף ניטאָ.

קרעמער זיינען דאָ אין דער קאָלאָניע 4, קליינהענדלער איבער אַ צענדליק. די היגע קרעמער און קליינהענדלער זיינען ס'רוב אויך, ווי די בעלי-מלאכות, האַלבע קאָלאָניסטן. זיי האָבן אַ שטיקל ערד, אַ פערד, איינע אָדער אַ פּאָר קי. קיין מאַרק קומט אין דער קאָלאָניע ניט פאָר. דער האַנדל דאָ פירט זיך אין זייער אַ קליינעם פאַרמאָס. די הענדלער פאָרן אַרום איבער די דערפער און קויפן איין ביי די פּויערים אין קליינע קוואַנטומס, אַלץ וואָס עס מאַכט זיך. היינטיקס יאָר, צוליבן הונגער אין דאָרף, זיינען אַלע הענדלער שרעקלעך אָרים און געפינען זיך אין אַ גרויסער נויט.

**דרויסק קאָלאָניע** (בראַסלאַווער קרייז). אין דער קאָלאָניע וואוינען ביי אַ 100 ייִדישע און נאָר 4 קריסטלעכע פאַמיליעס.

הייזער זיינען דאָ אין דער קאָלאָניע 92, פון זיי געהערן 90 צו ייִדן און 2 צו קריסטן.

דער ייִדישער באָדן-באַזיץ אין דער קאָלאָניע איז 380 העקטאַר. ערד-נחלאות האָבן ביי אַ 80 ייִדישע פאַמיליעס. 20 פאַמיליעס האָבן ניט קיין ערד. פון די 80 קאָלאָניסטן לעבן אויסשליסלעך פון דער ערד-אַרבעט און באַאַרבעטן אַליין זייער באָדן נאָר 22. די איבעריקע קאָלאָניסטן, וועלכע פאַרנעמען זיך אַליין מיט אַנדערע באַשעפטיקונגען, געבן אַרויס זייער באָדן פאַר אַ טייל פון דער געראָטעניש, וואָס זיי באַקומען נאָכן שניט, פּויערים פון די שכנותדיקע דערפער. דאָ ווערט עס אָנגערופן באַאַרבעטן די ערד דורך „זאַפּאָסניקעס". אויסער באָדן, געבן די ייִדן דעם „זאַפּאָסניק" דעם גאַנצן סכום מיסט, וואָס די פעלד פאָדערט, און אַ העלפט זריעה. נאָכן שניט באַקומט דער בעל-הבית פון פעלד געוויינלעך אַ העלפט פון דער גאַנצער געראָטעניש. דאָ זייט מען קאָרן, גערשטן, האָבער, ווייץ צו ביסלעך, קאַרטאָפל, באָב און אַרבעס, אויך פלאַקס. פוטער-גראָז זייט מען ווייניק. אַלע האָבן גרינס-גערטנער. די לעצטע צייט האָט מען אָנגעהויבן צו פלאַנצן אויך סעדער (די פלאַנצן גיט „יק"א"). קי האָט כמעט יעדער קאָלאָניסט צו 2—3. די, וואָס באַאַרבעטן אַליין זייערע פעלדער, האָבן אויך צו איינעם אָדער צו אַ פּאָר פערד. מען האָדעוועט אויך צו עטלעכע שעפּסן, אין דער גרעסטער טייל קאָלאָניסטן קליידט זיך אין דעם שטאָף (געוואַנט), וואָס ווערט אויסגעאַרבעט פון דעם וואָל פון די אייגענע שעפּסן אויף אַן אָרט (אין די וואַלושן ביי די וואַסער- אָדער דאַמף-מילן, וואָס זיינען דאָ אין דער סביבה).

ביז איצט האָט יעדערער געהאַט זיין ערד-נחלה אין לאַנגע, שמאָלע „שנורעס", צעוואָרפן אין עטלעכע ערטער, ווי עס איז אויך געווען דער פאַל אין אַלע אַנדערע דערפער, ביי די קריסטן. איצט האָט די מאַכט אין גאַנצן קאַנט איינגעפירט אַ נייע איינטיילונג פון די נחלאות, אין „כוטאָרעס". אין גרעסטן טייל דערפער מוז יעדער לאַנדווירט איבערטראָגן זיינע געביידעס אויפן פּלאַץ פון זיין „כוטאָר". פאָרנדיק דורך די דערפער, זעט מען, ווי אַ טייל פון זיי האָבן זיך שוין איבערגעטראָגן און זיך צעוואָרפן איבער די ווייטע שטחים פון די פעלדער. פאַר דער ייִדישער קאָלאָניע, ווייזט אויס, וועט דער מאָדוס ניט אָנגעווענדעט ווערן, אַפשר צוליב דעם, ווייל גאָר ווייניק פון די היגע קאָלאָניסטן האָבן גענוגנדע ערד-נחלאות, אַז זיי זאָלן קענען בילדן יעדערער פאַר זיך אַ זעלבסטשטענדיקן „כוטאָר".

דאָס איינטיילן דעם באָדן אויף „כוטאָרעס", וואו יעדער קאָלאָניסט באַקומט זיין גאַנצע ערד-נחלה (פעלד און לאָנקע) קאָנצענטרירט אין איין אָרט (געוויינלעך ווערט אויסגעטיילט פאַר יעדערן זיין נחלה אין פאָרם פון אַ קוואַדראַט, גראָד-ווינקל א. אַז. וו.), איז ניט פאַר אַלעמען פון גלייכן נוצן. אויב פריער איז די שותפישע לאָנקע געווען גלייך פאַר יעדן איינציקן קאָלאָניסט, אומאָפּהענגיק פון דעם, וויפיל ערד ער האָט, צום אַרויסטרייבן אויף איר צום פּאַשן זיך, וויפיל שטיקלעך פי ער האָט פאַרמאָגט, וועט איצט דער, וואָס האָט אַ קלענערע ערד-נחלה, זיך מוזן גוט אויסרעכענען, וויפיל פאַר אַ צאָל פי קען ער אויסהאַלטן, לויט דער גרויס פון זיין „כוטאָר". אַ גרויסע תקנה זיינען די „כוטאָרעס" אַנטקעגן דאָס „אָפּפּאַשען" פון דער תבואה, ווי עס איז כסדר געווען דער פאַל פריער, ווען יעדערער האָט געהאַט זיין נחלה אין עטלעכע לאַנגע שנורעס, וועלכע זיינען געלעגן אין באַזונדערע ערטער און וועלכע עס איז געווען שווער איינצוהיטן פון היזק.

די אומגעראָטענישן אויף די פעלדער פון דער קאָלאָניע און פון גאַנצן געגנט אַרום, ווי אין גאַנץ בראַסלאַווער קרייז, איז געווען אַ שרעקלעכע. כמעט אַלץ, וואָס מ'האָט פאַרזייט, איז פאַרלאָרן געגאַנגען. די אומגעראָטענישן האָט געטראָפן דירעקט די, וואָס לעבן אויסשליסלעך פון דער ערד-אַרבעט. אָבער פון אירע פאָלגן קומט אויס צו ליידן אַלע איינוואוינער פון דער קאָלאָניע. די האַנטווערקער, קרעמער, קליינהענדלער, קאַראַבעלניקעס א. א. לעבן אַלע פון דער פּויערשער באַפעלקערונג. און אַז די לעצטע הונגערט — רופט זיך דאָס אָפּ אויף דער לאַגע פון אַלעמען. ניט נאָר די ייִדישע ערד-אַרבעטער אין דער קאָלאָניע זיצן אָן ברויט, נאָר אויך די האַנטווערקער און אַ טייל פון די קליינהענדלער. די האַנטווערקער האָבן זינט האַרבסט 1928 יאָר אַבסאָלוט קיין אַרבעט ניט. וואָס איז נוגע די קליינהענדלער — זיינען זיי היינטיקס יאָר זייער געשלאָגן. דאָ איז געווען אַנטוויקלט דער האַנדל מיט פלאַקס. צוליב דעם פריצייטיקן פראָסט, איז היינטיקס יאָר דער היגער פלאַקס פון זייער אַ געמיינער קוואַליטעט, וועלכן קיינער וויל אין האַנט ניט נעמען. קיין מסחר מיט תבואה איז אין דעם קאַנט אינגאַנצן ניטאָ, ווייל די הייאָריקע געראָטענישן פון תבואה און פון קאַרטאָפל איז אינגאַנצן פאַרלאָרן געגאַנגען. פי, צוליב דעם, וואָס עס פעלט אויס פאַר איר פוטער, איז היינטיקס ווינטער זייער געפאַלן אין פּרייז, און שטעלט מיט זיך ניט פאָר קיין קענגשטאַנד פון מסחר. די קאַראַבעלניקעס האָבן אויפגעהערט צו פאָרן איבער די דערפער. דער פּויער איז אַזוי אָרעם, אַז ער האָט ניט ביכולת צו קויפן אפילו אַ פונט הערינג אָדער נאַפט, זייף א. א. קענגשטאַנדן פון זיין טעגלעכן באַדאַרף. די קרעמער לייזן אויך גאָרניסט. דער מאַרק קומט דאָ פאָר איינמאָל אַ וואָך, און שטענדיק איז ער זייער אַ קליינער. קיין קלויסטער

איז דאָ ניטאָ, און די פּויערים זיינען ניט געווינט צו פאָרן אין דער יידישער קאָלאָניע. זיי פאָרן אויף די מערק אין די נאָענטסטע שטעט בראַסלאַוו און דרויע. היינטיקס ווינטער, צוליב די מוראדיקע קעלטן, ווי אויך צוליבן הונגער, ווייל דער פּויער האָט ניט וואָס צו פאַרקויפן און פאַר וואָס צו קויפן, קומען כמעט קיין מערק גאָרניט פאָר. ווי אַ היגער אייזן- און לעדער-קרעמער האָט איבערגעגעבן, האָט ער פאַר דער גאַנצער וואָך, פון זונטאָג ביז דעם דאָנערשטאָג, געלייזט בס"ה 32 זל. און שטייערן דאַרף מען דאָ צאָלן ניט קיין קליינע, וועקסלען דאַרף מען אויך צאָלן און דערצו נאָך דאַרף מען לעבן.

אייניקע יידישע אָנגעשטעלטע אין דער וואַלד-בראַנזשע גייען איצט אַרום אין דער קאָלאָניע אָן אַרבעט, ווייל די מאַכט עקספּלאָאַטירט איצט אַליין וועלדער אויף דער אייגענער רעכענונג.

אין דער קאָלאָניע שטייען אַ פּאָר הונדערט סאָלדאַטן פון דער גרעניץ-וואַך. די הכנסה, וואָס די קאָלאָניע האָט פון זיי, פאַרלייכטערט אַ ביסל די לאַגע. די יידן האָבן אַן אַריינטראָג פון דירה-געלט (קאַזאַרן, שטאַלן, סקלאַדן, וואוינונגען פאַר די אָפיצערן). אַזוי ווי די קאַנטינע פאַר די סאָלדאַטן געפינט זיך 8 קילאָמעטער ווייט פון דער קאָלאָניע (אין שטעטעלע סלאָבאָדקע), פאַלט אויך צו אָפטמאָל אַ פּדיון די קרעמער, קצבים, בעקער. די באַציאונגען צווישן דער באַפעלקערונג און מיליטער זיינען דאָ זייער גוטע, מ׳רירט ניט אָן אַ יידן וואָס אַ האָר איז ווערט.

**דעווענישעק** (אָשמענער קרייז). די אַלגעמיינע צאָל פון דער באַפעלקערונג באַטרעפט 250 פאַמיליעס, פון זיי 140 יידישע.

די הויפּט-באַשעפטיקונגען פון די יידן זיינען קרעמעריי, דאָרף-האַנדל און האַנטווערקעריי (וואַרשטאַטן פון טאַנדעט).

אין שטעטל זיינען דאָ 60 יידישע קראָמען און 2 פּוילישע קאָאָפּעראַטיוון. די קאָאָפּעראַטיוון האָבן אויפן לאַגער באַקאַליי, גאַלאַנטעריי, לעדער אין שוכוואַרג, בלויע-געשיר א. אַז. וו. די גמינע שטיצט זיי. אויך לייזן זיי זייער גוט. סחורה ברענגען זיי פון גרויסן פּוילישן קאָאָפּעראַטיוו, וועלכער אַרבעט אויף דער באַן-סטאַנציע ביניאַקאָני (21 קילאָמ. ווייט), וועלכער שאַפט סחורות וואַגאָנענווייז, און גיט די היגע קאָאָפּעראַטיוון אַ גרויסן קרעדיט. די יידישע קרעמער מוזן פירן סחורה מיטן פור פון ווילנע (63 קילאָמ. ווייט). זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז די יידישע קרעמער קאָסט די סחורה טייערער, און זיי קענען ניט אויסהאַלטן די שטאַרקע קאָנקורענץ מצד די פּוילישע קאָאָפּעראַטיוון. צוליב דער דאָזיקער קאָנקורענץ און אויך צוליב דעם גרויסן איבערפלוס אין קראָמען, שטייט דאָ די קרעמעריי זייער שלעכט.

דער מאַרק קומט פאָר איינמאָל אַ וואָך. עס קומען אויפן מאַרק פרעמדע קרעמער מיט גאַלאַנטעריי, לעדער און שניט. אין די דערפער זיינען אויך דאָ קריסטלעכע קראָמען, און אין 2 נאָענטע דערפער זיינען דאָ אָפּטיילונגען פון די קאָאָפּעראַטיוון.

אַ 20—25 יידישע פאַמיליעס לעבן פון דאָרף-האַנדל. מ׳קויפט איין אין די דערפער קעלבער, הינער, אייער, פוטער, קעז א. אַז. וו. דאָס אַלץ פירט מען מיטן פור אין ווילנע, און צוריק אַלס חזרה פירט מען סחורה פאַר די היגע קרעמער. די דאָזיקע הענדלער מאַכן אַ לעבן ניט ערגער פון די קרעמער.

אין שטעטל אַרבעטן 5 יידישע וואַרשטאַטן, וועלכע מאַכן טאַנדעט (מאַנסבילשע אַנצוגן, און מאַנטלען און פוטערס מאַנסבילשע און ווייבערשע).



עס זיינען באַשעפטיקט ביי דעם ביי אַ 40 אַרבעטער, מענער און פרויען, אַלע יידן. אַן אַרבעטער פאַרדינט פון 20 ביז 30 זל. אַ וואָך. די סחורה ווערט אָפּגעזעצט ביי די טאַנדעט-קרעמער אין די אַרומיקע, נאָענטע און ווייטערע שטעטלעך (ווישנעווע, סראַב, אָלשאַן, וואָלאָזשין, אָשמענע א. אַ.).

אין אַלע דערפער זיינען פאַראַן קריסטלעכע בעלי-מלאכות פון אַלע פאַכן. אין שטעטל גופא זיינען דאָ 2 קריסטלעכע שוסטער ספּעציאַליסטן. יידישע בוי-אַרבעטער, אויסער איין יידישן סטאָליער, זיינען אין שטעטל לגמרי ניטאָ.

5 פאַמיליעס אין שטעטל באַזיצן אייגענע ערד-יעדערע צו 2 דעסיאַטין. זיי באַאַרבעטן די ערד אויפן אייגענעם חשבון, אָבער גרעסטנטיילס דורך געדונגענע אַרבעטער. אויסער די ערד האָבן זיי נאָך אַנדערע זייטיקע באַשעפטיקונגען.

**האָלובּיטש** (דיסנער קרייז). די אַלגעמיינע צאָל פון דער באַפעלקערונג איז 100 פאַמיליעס, פון זיי 10 קריסטלעכע.

די הויפּט-באַשעפטיקונג איז האַנטווערקעריי (אין שטעטל זיינען דאָ ביז 40 האַנטווערקער, ד. ה. כמעט 50 פּראָצענט פון דער גאַנצער אָרטיקער יידישער באַפעלקערונג). אַלע האַנטווערקער, דערהויפּט אָבער שוסטער און שניידער, פלעגן אַרבעטן אויף קאָרן. היינטיקס יאָר זיינען אַלע האַנטווערקער אַרבעטסלאָז. און אַז די קריסטלעכע באַפעלקערונג איז פאַראָרעמט און הונגערט, ביט זי ניט קיין אַרבעט דעם בעל-מלאכה. אויך דער האָלץ-מסחר, וועלכער איז דאָ געווען שטאַרק אַנטוויקלט, איז געפאַלן.

עס שטייען אויך זייער שלעכט די היגע פּראַסלער (קאָראָבעלניקעס). מייסטנס האָבן ניט די היגע קאָראָבעלניקעס קיין פערד. דאָס ביסל סחורה (זייף, שפּילקעס, טיכלעך א. אַ.) טראָגן זיי אויף זיך, און בייטן עס אויס אין דאָרף אויף תבואה. היינטיקס יאָר, צוליבן הונגער אין דאָרף, האָט זיך דער דאָזיקער טויש-האַנדל אינגאַנצן אָפּגעשטעלט.

דער מאַרק איז דאָ איינגעפירט זינט אַ יאָר צייט. ער קומט פאָר איינמאָל אַ וואָך, אַלע דינסטאָג. די מערק זיינען קליינע. אין אַלגעמיין, איז דער פּדיון אַ נישטיקער: דער פּויער, אַלס קאָנסומענט, קומט היינטיקס יאָר לגמרי ניט אין רעכענונג.

צו קצבה קומען פאַרלויפיק אָן נאָר 5 פאַמיליעס, אָבער שטאַרק פאַראָרעמטע פאַמיליעס, וועלכע האָבן ניט זייער טעגלעכע אויסקומעניש, איז דאָ איבער 30.

**האָראָדזיי** (ניעסוויזשער קרייז). די אַלגעמיינע צאָל פון דער באַפעלקערונג איז 1.200 נפשות, פון דעם ביי אַ 1.000 יידן.

פאַר דער מלחמה איז האָראָדזיי געווען אַ גרויסער מסחר-צענטער. דאָ זיינען געווען גרויסע באַקאַליי-געשעפטן און סקלאַדעס פון הערינג, זאַלץ, נאַפט און אייזן. עס האָט זיך געפירט אַן אַנגראָ-האַנדל אין זייער אַ גרויסן מאַסשטאַב. די אָפּנעמער זיינען געווען אַ ריי שטעט און שטעטלעך פון אַ גרויסער געגנט אַרום און אַרום. אויך איז האָראָדזיי געווען די צענטראַלע באַן-סטאַנציע פאַר אַ קאָלאָסאַלן תבואה-האַנדל, וועלכער האָט זיך דאָ געפירט. אין די תבואה-שפּייכלערן פון האָראָדזיי פלעגט מען אָנפירן גרויסע מענגעס פון קאָרן, גערשטן, האָבער און ווייץ, וועלכע פלעגן נאָכדעם פאַרלאָדעוועט ווערן אין וואַגאָנעס און פלעגן גיין אויף פּעטערבורג און אַנדערע רוסישע שטעט.

אין דער מלחמה-צייט איז האָראָדזיי אינגאַנצן אַראָפּגעגאַנגען. די פריערדיקע רייכע סוחרים זיינען צוראָאינירט געוואָרן.





דער אַנגראָ-האַנדל האָט זיך איבערגעטראָגן אינגאַנצן אין דער נאָענטסטער שטאָט באַראַנאָוויטש. דער תבואה-האַנדל ווערט איצט געפירט זייער קליין. די רייכסטע תבואה-געגנט פון סלוצקער קאַנט („סלוציזנע") ליגט איצט אויף יענער זייט גרעניץ.

די הויפּט-באַשעפטיקונג איז דער תבואה-האַנדל. עס זיינען דאָ ביי אַ 30 תבואה-סוחרים. ווי געזאָגט, פירט זיך איצט דאָ דער תבואה-האַנדל זייער אין אַ קליינעם מאַסשטאַב. היינטיקס יאָר שטייט דער תבואה-מסחר איבערהויפּט שלעכט

קרעמער זיינען דאָ ביי אַ 25. דער מאַרק קומט פאָר דאָנערשטאָג. דער צופאָר צום מאַרק איז ניט קיין גרויסער, און דעריבער איז די לייזונג אין מאַרק-טאָג אַ גאַנץ שוואַכער. אין שטעטל אַרבעטן 2 קריסטלעכע קראָמען. אויסערדעם, זיינען פאַראַן קריסטלעכע קראָמען אין אַלע דערפער.

די בעלי-מלאכות — איבערהויפּט שוסטער און שניידער — זיינען געדריקט. בעלי-מלאכות פון די דאָזיקע פאַכן זיינען דאָ אין אַלע דערפער. אויסערדעם, שלאָגט אַרונטער זייער פּרנסה דער מסחר מיט פאַרטיקע בגדים און שיך.

פון די 5 בעקערייען זיינען 2 געשלאָסן. די 3 איבעריקע בעקערייען, וועלכע זיינען פון פריער געווען איינגעאָרדנט ניט שלעכט און האָבן געהאַט נייע אויוונס, האָבן געמוזט צעוואַרפן זייערע הייזער, פונאַנדערנעמען די אויוונס, אויסבויען נייע הייזער און מאַכן אויפדאָסניי די גאַנצע אינעווייניקסטע איינריכטונג פון די בעקערייען. די 3 בעקער זיינען פולשטענדיק צוראָאינירט געוואָרן.

**האָראָדישטש** (באַראַנאָוויטשער קרייז). די אַלגעמיינע צאָל פון דער באַפעלקערונג איז 360 פאַמיליעס, פון זיי 260 יידישע.

די הויפּט-פּרנסה — קרעמעריי — שטייט זייער אין אַ שלעכטן מצב. דער מאַרק ווערט אָפּגעצויגן פון באַראַנאָוויטש, וואו די פּויערים פאַרקויפן טייערער זייערע פּראָדוקטן און קויפן איין ביליקער אַלץ, וואָס זיי איז נייטיק. פון וואָך צו וואָך ווערט דער מאַרק אַלץ קלענער. אין אַלע דערפער אַרום האָבן זיך געעפנט קריסטלעכע קראָמען, וועלכע ציען אויך אָפּ דעם פּויערישן פּדיון. פון די האַנטווערקער שטייען זייער שלעכט די שוסטער. פאַר דער מלחמה פלעגן די שוסטער דאָ מאַכן פאַרטיקע סחורה, וועלכע פלעגט זיך אָפּזעצן אין גאַנצן געגנט אַרום. איצט אָבער גייט זייערע סחורה ניט אָן, און ביי אַ 30 שוסטער מאַטערן זיך דאָ זייער מיטן מאַכן אַ לעבן. דער גרעסטער טייל פון זיי זיינען פשוטע אביונים. אין די דערפער אַרום געפינען זיך פיל קריסטלעכע שוסטער.

2 בעקערייען האָט מען דאָ אינגאַנצן פאַרמאַכט. די איבעריקע פירן דורך רעמאָנטן, אָבער זיי קענען מיט זיי ניט פאַרטיק ווערן, ווייל אַלע טאָג קומען צו נייע פאַראָרדנונגען.

דער מצב פון די עטלעכע סוחרים, וועלכע געפינען זיך דאָ, איז דערזעלבער ווי אין דער מיר (ז. ווייטער).

**הערמאַנאָוויטש** (דיסנער קרייז). די אַלגעמיינע צאָל פון דער באַפעלקערונג איז 100 פאַמיליעס, פון זיי 50 יידישע.

די הויפּט-באַשעפטיקונגען זיינען קרעמעריי, קליינהאַנדל, האַנטווערקעריי און גערטנעריי.

פאַר דער מלחמה איז דאָ געווען זייער אַנטוויקלט די באַשעפטיקונג מיט גערטנעריי. די הויפּט-זריעות זיינען דעמאָלט געווען אוגערקעס און קרויט, וועלכע פלעגן גרעסטנטיילס גיין אויף

ריסנע, און פון דארטן פלעגט מען זיי פונאנדערפירן איבער דער גאנצער דווינע (קיין ריגע, דווינסק, וויטעבסק א. א.). איצט ווייס מען אויך כמעט אויסשליסלעך נאר אוגערקעס און קרויט. אבער פון נאך דער מלחמה אן איז ניטא פאר זיי קיין אפזאץ-מארק. די דווינע איז פארמאכט (זי בילדעט די גרעניץ צווישן פוילן און ראטן-רוסלאנד). די אוגערקעס פירט מען איצט קיין גלובאקע, דאקשיץ, דאלהינאוו א. א. אבער, אויסער פון הערמאנאוויטש, פירט מען אהין אוגערקעס אויך פון ריסנע און פון גאנצן ריסנער געגנט. די פרייזן זיינען דעריבער קליינע, און זינט נאך דער מלחמה שטייט דער געשעפט ניט גוט.

קרעמער זיינען דא ביי א 20. זיי שטייען אלע זייער שלעכט. דעם פריין נעמען צו די פרעמדע קרעמער (ס'רוב קריסטן), וועלכע פארן אן אויפן מארק, וואס קומט דא פאר איינמאל א וואך, אלע מאנטאג, מיט מאנופאקטור, לעדער, גאלאנטעריי און באקאליי. די פרעמדע קרעמער מאכן קאליע די מקחים. די גלובאקער יידישע קרעמער, למשל, לייזן דא אויפן מארק פון פויער פאר מעל, גרויפן, זאלץ א. אז. וו. דיזעלביקע פרייזן, ווי די ארטיקע קרעמער צאלן אליין פאר די ארטיקלען אין גלובאקע. די יידישע פרעמדע קרעמער, וואס ברענגען אהער סחורות אויפן מארק, זיינען פריער על פי רוב געווען פלעקסער. און ווייל היינטיקס יאר איז צוליב דער אומגערעטעניש ניטא קיין מסחר מיט פלאקס, זיינען זיי געווארן וואנדער-קרעמער, וועלכע פארן מיט זייער ביסל סחורה פון מארק צו מארק אין גאנצן ארומיקן געגנט, און פארדינען פון דעם ממש גראשנס, אבי נאר ניט צו שטארבן פון הונגער.

קריסטלעכע קרעמער זיינען דא אין שטעטל 3. זיי שטייען מיט גרויסע געשעפטן און זיינען גאנץ גוט אין מעמד, בעסער ווי די יידישע קרעמער. דער אונטערשייד צווישן א יידישן און א קריסטלעכן קרעמער איז דער, וואס דער ערשטער דארף לעבן אויסשליסלעך פון דער קרעמעריי, און ביים צווייטן איז די קרעמעריי נאר א זייטיקע באשעפטיקונג, און לעבט ער פון די הכנסות פון דער לאנדווירטשאפט. דער קריסטלעכער קרעמער איז צוליב דעם אויך ניט אזוי פארשווינדלט, ווי דער יידישער.

אין שטעטל זיינען דא 22 בעלי-מלאכות; 5 שוסטער, 15 שניידער מיט שניידערקעס, 2 גלעזער. צוליב דער אומגערעטעניש האט קיינער פון זיי זינט הארבסט 1928 קיין ארבעט ניט.

די שטייערן זיינען דא גרויסע, און די קרעמער און הענדלער קרעכצן ממש אונטער דעם שווערן שטייער-לאסט. ביי א היגן קרעמער, וועלכער האט פריער געפירט גרויסע געשעפטן און איז נאכדעם צוליבן קריזיס געווארן א יורד, האט מען אפגעשריבן און פארקויפט די שטוב-חפצים פאר די פארלעגענע שטייערן, וועלכע ער איז ניט געווען בכח איינצוצאלן.

**וואראנאווע** (לידער קרייז). די אלגעמיינע צאל פון דער באפעלקערונג איז איבער 200 פאמיליעס, פון דעם 30 פאמיליעס קריסטלעכע און די איבעריקע יידישע.

די הויפט-באשעפטיקונג איז קרעמעריי. פון קרעמעריי אליין קען מען אבער דא ניט לעבן. עס ארבעטן אין שטעטל און אין דער סביבה רייכע, גוט ארגאניזירטע קריסטלעכע קאאפעראטיוון, וועלכע ברענגען סחורה וואגאנענווייז און רופן ארויס א שטארקע קאנקורענץ פון די פרייזן. שווערע סחורות (צוקער, זאלץ, נאפט א. א.) קויפן די יידישע קרעמער אליין אין קאאפעראטיוו אין ביניאקאני (9 קילאמעטער ווייט). א פארלייכטערונג אין דער לאגע טראגט אריין דאס, וואס כמעט אלע יידן אין שטעטל, ובתוכם אויך די קרעמער, האבן גערטנער און האלטן קי. די מילך פארקויפט מען אין דער נאענטסטער מילך-ווירטשאפט (א קריסטלעכע). פאשע פאר די קי האבן 91 בע"ב איינגענע, געקויפטע מיט 5 יאר צוריק ביים פריץ (73 דעסיאטין). יק"א האט אויסגעהאלפן מיט א הלוואה אויף דער קניה. אויסערדעם האט יק"א אין דערזעלבער צייט אויסגעהאלפן מיט א הלוואה 30 פאמיליעס צו קויפן פלעצער (צו 3 דעסיאטין יעדערער), צו פארפלאנצן אויף זיי סעדער און אויסבויען הייזער.

אין שטעטל ארבעטן 4 שניידערשעווארשטאטן טאנדעט-ארבעט (מענער-קליידונג און פרויען-מאנטלען). זיי גיבן ארבעט א 40—50 ארבעטער, איבערהויפט פון דער יוגנט. די סחורה האט אן אפזאץ אין א היפשער סביבה ארום. קאנפעקציע-קרעמער קומען צופארן קויפן די סחורה פון גאנץ ווייט (גלובאקע, אשמענע א. א.).

מען האט פארמאכט אין שטעטל 10 בעקערייען. מען האט פארחתמעט די אויוונס און דייזשעס. 3 האט מען צוריק געעפנט, ווייל זיי האבן זיך מתחייב געווען אין א קורצער צייט דורכפירן דעם געפאדערטן רעמאנט, וועלכער דארף אפקאסטן צו 400—500 דאלאר יעדער אונציקער בעקעריי.

אין די דערפער ארום זיינען פאראן פיל קריסטלעכע האנטווערקער פון פארשיידענע פאכן, וועלכע שלאגן אפ די ארבעט פון די יידישע האנטווערקער.

**ווארניאן** (ווילנער קרייז) ז. זייטן 383—396.

**ווידז** (בראסלאווער קרייז). די אלגעמיינע צאל פון דער באפעלקערונג איז 450 פאמיליעס, פון זיי 230 יידישע.

די הויפט-באשעפטיקונגען פון די יידן זיינען קרעמעריי און קליינהאנדל. עס זיינען דא אין שטעטל ביי א 120 קרעמער (איבער 50 פראצ.), קליינהענדלער (25 פראצ.) און בעלי-מלאכות מער-ניט ווי א 40 (א 16—17 פראצ. פון דער גאנצער יידישער באפעלקערונג).

אין שטעטל פילט זיך שטארק א גרויסער איבערפלוס פון קראמען. דער מארק קומט פאר איינמאל א וואך, אלע דינסטאג. אויפן מארק פארן אן א מאסע פרעמדע קרעמער (ס'רוב יידן) פון בראסלאוו, אפסע, דוקשט און סווענציאן. זיי קומען מיט כלערליי סחורות. איינציקע סחורות, איבערהויפט מאנופאקטור, לייזן זיי אונטערן פרייז. זיי ברענגען אן אלערליי ראמשן, וועלכע זיי קויפן איין אין לאדז ביליקער, ווי עס איז דער פרייז פון ראיעלע סחורה. א טייל פון די פרעמדע מאנופאקטור-קרעמער פארקויפן אויך גוטע סחורה אונטערן פרייז, ווייל זיי האבן שוין אין זינען צו באנקראטירן און ווילן וואס שנעלער מאכן די סחורה צו געלט. מיט אזא ארט מסחר ברענגען זיי א גרויסן שאדן די היגע קרעמער. דער לעצטער, געטריבן דורך די וועקסל-צאלונגען, וועלכע ער דארף טאג-טעגלעך ערלייזן, זעט זיך גענייטיק צו פארשניידן אויך זיין סחורה אונטערן פרייז. עס גייט אים אין לעבן אפצולייזן אין מזומן א וועקסל עס איז סימע, און אין דער מינוט קלערט ער ניט וועגן דעם ריוח אדער היזק, וואס ער האט ביי דעם. דעם רעזולטאט באמערקט דער קרעמער ערשט אין א צייט ארום, ווען ער זעט זיך פלוצלונג ארום, אז די פאליצעס אין קראם זיינען פוסט געווארן. ווייל אויסער די וועקסלען, מוז מען אויך צאלן גרויסע שטייערן און מען מוז אויך לעבן. די גאנצע פרנסה פון די איבעריקע קרעמער, וואס האנדלען מיט באקאליי און אנדערע ארטיקלען, האבן אונטערגעשלאגן די צוויי גרויסע קריסטלעכע קאאפעראטיוון, וואס ארבעטן אין שטעטל. איינער פון זיי איז א הורטאווניע, און די יידישע קרעמער קויפן דארט צוקער, זאלץ, הערינג, נאפט, זייף און אנדערע שווערע סחורות. די הורטאווניע פארקויפט אבער סחורה אויך אויפן איינצל און צו דיזעלביקע פרייזן ווי דעם קרעמער. מ'קען זיך שוין פארשטעלן די פרנסה, וואס דער יידישער קרעמער קען האבן ביים פארקויפן פון אט די סחורות. דער צווייטער קאאפעראטיוו פארקויפט סחורה נאר אויפן איינצל. ביי דעם קאאפעראטיוו געפינט זיך א רייכע ליי- און שפאר-קאסע. ער ווערט אויך געשטיצט פון דער גמינע און סיימיק. די קאאפעראטיוון צאלן כמעט קיין שטייערן ניט. אין דערזעלבער צייט מוזן די יידישע קרעמער צאלן גרויסע שטייערן. צוליב די שטייערן און צוליבן שלעכטן מצב, אין וועלכן עס געפינט זיך בכלל די היגע קרעמעריי, זיינען פאר דער לעצטער צייט אונטערגעגאנגען גרויסע געשעפטן. מענטשן זיינען געווארן פולשטענדיק צורואינירט און האבן פארלארן זייער גאנצן אייגנס. מערקווירדיק איז אבער דערביי, וואס קיין איינציקער באנקראט איז ניט פארגעקומען אין שטעטל פאר דער גאנצער צייט. מען מאטערט זיך, מען פארלירט דעם גאנצן אייגענעם קאפיטאל, אבער מען צאלט אויס די פרעמדע חובות.

פון די 60 קליינהענדלער זיינען א 30—40 „פראסלער", וועלכע פארנעמען זיך מיטן איינקויפן פון פלאקס, ווימען און אויך מיטן תבואה-מסחר, און די איבעריקע זיינען גאר קליינע דארפס- אדער מארק-הענדלער. אויף פלאקס איז הייאר אין ווידזער קאנט געווען אן אומגערעטעניש. די פויערים לוינט ניט אויסצוארבעטן („מיצלען") דעם פלאקס. דער קאאפעראטיוו קויפט אים אפ ביי די פויערים אין רויען צושטאנד, אין די שטעקלעך. דער קאאפעראטיוו שיקט עס אפ אין א פלאקס-צענטראלע, אין פוזן. עס איז פאראויסצוזען, אז דער גאנצער פלאקס-האנדל וועט איבערגיין, אפשר שוין אין קומענדיקן יאר, צום קאאפעראטיוו אין די הענט. די „פראסלער", וועלכע האנדלען אויפן אייגענעם רעכענונג, אבער אויף פרעמדע געלט, וועלן ניט זיין ביכולת בייצושטיין אזא רייכן קאנקורענט, וועלכער דיספאנירט איבער גרויסע געלט-מיטלען, קען אויפשטעלן דעם געשעפט אין א גרויסן מאסשטאב און איז דירעקט פארבונדן מיט אן אלפוילישער פלאקס-צענטראלע. ווימען האבן גענומען היינטיקס יאר איינקויפן אין גרויסע מענגעס אויף די ווידזער מארק אנגעשטעלטע פון בראסלאווער קאאפעראטיוו „ראלניק", וועלכער טרייבט אין בראסלאוו אן אייל-פאבריק. תבואה איז היינטיקס יאר אויך ווייניק אויפן מארק, צוליב דער אומגערעטעניש. דער קליינהאנדל איז צוליב די אלע אויסגערעכנטע כבות שטארק געשלאגן.

די בעלי-מלאכות שטייען אויך זייער שלעכט. אין אלע דערפער זיינען דא שוסטער, שניידער, שמידן, סטאליארעס א. א. וו. אין שטעטל גופא איז מער פון א העלפט שוסטער — קריסטלעכע. ביי די יידישע פעל-קרעמער זיצן קריסטלעכע שוסטער, וועלכע ארבעטן ביליקער ווי די יידישע, און מאכן טאנדעט-ארבעט, וועלכע זיי פארקויפן נאכדעם אין די קראמען. דאס נעמט אפ דאס לעצטע ביסל פרנסה ביי די שוסטער, וואס פירן אייגענע ווארשטאטן. פון די דערפער קומען אין שטעטל אריין קריסטלעכע סטאליארעס, וועלכע מאכן יעדע ארבעט בחצי חנם. פיל פאמיליעס

פון די בעלי־מלאכות זיצן אן ברויט. אין דעם טאג פון באזוך האט מען געקליבן אויף האלץ פארן בעסטן יידישן שניידער אין שטעטל, וועלכער פירט א ווארשטאט מיט 5 ארבעטער, נאר זינט שוין א פאר חדשים, אז ער האט אבסאלוט ניט קיין ארבעט.

אין שטעטל איז געווען מער ווי א צענדליק יידישע פורמאנעס, וועלכע פלעגן פארדינען פון פירן די שווערע סחורות פון דוקשט (די באן־סטאנציע, 27 קמ. ווייט) קיין ווידז. איצט ברענגען ניט די יידישע קרעמער קיין שווערע סחורות. זיי קויפן אלץ אין קאאפעראטיוו. דער קאאפעראטיוו פירט אבער ארויס זיינע סחורות פון באן מיט קריסטלעכע פורן, וועלכע ער דינגט ביי דער סטאנציע פאר ביליקע פרייזן. א ייד, וועלכער מוז קויפן פארן פערד היי און האבער, קען בשום אופן פאר אזעלכע פרייזן ניט פארן. אלע פורמאנעס זיצן דעריבער אן קיין שום פארדינסט. עס ארבעטן איצט אין שטעטל 8 בעקערייען, וועלכע האבן דורכגעפירט גרויסע רעמאנטן. מען איז אבער ניט זיכער פאר ווייטערדיקע פארערונגען. 4 בעקערייען זיינען געשלאסן.

**ווילייקע** (גרויס־ווילייקע), קרייז־שטאט, ווילנער וואיעוו. אין שטעטל זיינען פאראן 170 יידישע פאמיליעס ביי דער אלגעמיינער צאל באפעלקערונג פון 800 פאמיליעס. די לאגע איז ניט קיין שלעכטע. די באפעלקערונג איז א ווייסרוסישע, וועלכע קויפט גערן ביי יידן. עס מערקט זיך אן ערשיינונג, אז ס'ווערט קלענער די צאל פון די יידישע האנטווערקער אין אלע פאכן, און זייער ארט ווערט פארנומען פון קריסטן. די „קאזיאנע דעליאנקעס“ (דאס אויסהאקן די ערלויבטע טיילן פון די מלוכהשע וועלדער) זיינען אינגאנצן ארויס פון די יידישע הענט.

**ווילייקע** (ניי־ווילייקע), ווילנער קרייז. די אלגעמיינע צאל פון די איינוואוינער אין שטעטל איז 7000 נפשות, פון זיי יידן ביי 700 נפשות (140 משפחות). א פאבריק־שטעטל מיט אן אייזנבאן־דעפא.

די הויפט־פרנסה ביי די יידן איז קרעמעריי און קליינהאנדל. דאך איז די צאל פון די קריסטלעכע קראמען 2 מאל גרעסער, ווי די יידישע. די קריסטלעכע געשעפטן, איבערהויפט קאלאניאל און גאלאנטעריי, זיינען זייער גרויס און בריים אויפגעשטעלט. די קריסטן געניסן פון א גרויסן קרעדיט אין דער ארטיקער קריסטלעכער קאאפעראטיווער באנק אונטערן נאמען „ראלא“. זי גיט ארויס הלוואות ביז 700—800 זל. די קאנקורענץ פון די פרייזן אויף אלע ארטיקלען איז א גרויסע. קיין מארק קומט ניט פאר. די הויפט־קונדשאפט, אויך ביי די יידן, איז א קריסטלעכע (באן־ארבעטער און באן־באאמטע). מען מוז געבן סחורה אויף קרעדיט אויף א גאנצן חודש. צום סוף חודש באקומט מען אבער ניט איינגעצאלט די גאנצע פארבארגטע סומע. עס מוזן בלייבן עקן. פון חודש צום חודש שטייגן די פארלעגענע חובות. צוליב דעם איז א גרויסער מאנגל פון מזומנים.

אין לעצטן יאר האט דער ארטיקער מאגיסטראט אנגעהויבן אן אפראוויזאציע־אקציע, אום צו באזארגן די שטאט מיט ביליקע שפייז־פראדוקטן. דערמיט האט ער אונטערגעשלאגן א טייל יידן זייער פרנסה.

אין שטעטל געפינען זיך 17 יידישע פאמיליעס, ביי וועלכע די פאטערס זיינען טעגלעכע (שווארצע) ארבעטער אויף די היגע פאבריקן. צוליב דעם, וואס אויף אייניקע פון זיי (פארטאק, טעקטור־פאבריק) האט זיך אפגעשטעלט די ארבעט צוליבן



קריזיס אין דער האלץ־בראנזשע, זיינען א טייל פון זיי די דאזיקע ארבעטער געבליבן אן ארבעט און זייערע פאמיליעס געפינען זיך אין א גרויסער נויט.

**זאסקעוויטש** (אשמענער קרייז). א שטעטל, וואס גייט אונטער. ווער עס האט נאר געהאט די מעגלעכקייט האט זיך ארויסגעצאפט פון דאנען. זומער 1928 האט מען געפרובט איינצופירן מערק, נאר זיי האבן אנגעהאלטן ניט מער פון 8 וואכן און נאכדעם זיינען זיי זיך מער ניט צוזאמענגעקומען. אין שטעטל איז ניטא קיין איין קראם, וואו דער פויער זאל קענען איינקויפן אלץ, וואס ער באדארף פאר זיין הייזלעכן געברויך. קיין מאנופאקטור־ און אייזן־געשעפטן זיינען דא בכלל ניטא.

די יידן האבן זיך פארנומען גרעסטנטיילס מיט פארן איבער די דערפער, וואו זיי האבן געפירט א טויש־האנדל. זיי האבן איינגעהאנדלט שמאטעס, חזיר־האר א. ד. ג. און האבן געצאלט פאר דעם מיט זייף, פארים, נאדלען א. א., זעלטענער מיט געלט. איצט איז ארויס א פארארדענונג, אז דער טויש־האנדל איז אינגאנצן פארבאטן. אויסערדעם, ווער עס פארנעמט זיך אפילו נאר אויסשליסלעך מיטן איינקויפן פון „קארער“, מוז האבן דעם וואגן אין פארם פון א פארמאכטן, פעסט־איזאלירטן קאסטן, אין וועלכע ער זאל פירן די סחורה. דער וואגן מוז זיין פון א באשטימטער לענג און ברייט און געמאכט פון גוטן, פעסטן מאטעריאל. צוליב דעם האט דער מין באשעפטיקונג אינגאנצן זיך אפגעשטעלט.

די לאגע ווערט געראטעוועט דורך דעם, וואס יעדער ייד האט א גארטן און כמעט אלע א קו. קיין הונגער אין בוכשטעבלעכן זין פון דעם ווארט ליידט קיינער ניט.

**זשעטל** (נאוואגרודקער קרייז) ז. זייטן 410—433.

**טורמאנט** (בראסלאווער קרייז). די אלגעמיינע צאל פון דער באפעלקערונג איז 100 פאמיליעס, פון זיי ביי א 40 יידישע.

די הויפט־באשעפטיקונג פון דער היגער יידישער באפעלקערונג איז שווער פעסטצושטעלן. כדי צו קענען לעבן מוז מען זיך דא פארנעמען מיט עטלעכע פרנסות מיטאמאל. דער היגער קרעמער איז גלייכצייטיק אויך א שניידער, בעקער, קצב אדער קליינהענדלער. די, וואס האבן מער ניט ווי איין באשעפטיקונג, זיינען זייער געדריקט.

דער מארק, וועלכער איז דער הויפט־מקור פון פרנסה פאר דער היגער יידישער באפעלקערונג, קומט פאר איינמאל א וואך, אלע דינסטאג. פראדוקטן פון מסחר (תבואה, זוימען, פלאקס) פירט מען אן ווילנע, איבערהויפט אין די לעצטע 2 יאר, צוליב די אומגערעטעניש, וואס זיינען געווען אין 1927 און 1928 יאר און וועלכע האבן שטארק פארארימט דעם גאנצן קאנט. אויף דעם ביסל האנדלס־פראדוקטן, וואס מען ברענגט שוין יע, פאלן אן צענדליקער הענדלער ארטיקע און נאכמער פרעמדע, וועלכע קומען צו פארן פון די צורומיקע שטעטלעך אויפן מארק. דעם לעצטן יאר האט גענומען איינקויפן זוימען אויף די מערק אין טורמאנט דער בראסלאווער קריסטלעכער קאאפעראטיוו „ראלניק“, וועלכער טרייבט אין בראסלאוו אן אייל־פאבריק. פלאקס קויפט איין אין גרויסע מענגעס דער ארטיקער קריסטלעכער קאאפעראטיוו. די פלאקס שיקט אפ דער קאאפעראטיוו אין א צענטראלע אין ווילנע. דער קאאפעראטיוו בויט איצט א גרויסן שפייכלער. פון קומענדיקן יאר רעכנט





ער אנצוהויבן אין א גרויסן מאסשטאב דאס איינקויפן פון תבואה.

דער קאאפעראטיוו איז אין אלגעמיין זייער רייך און בריים אויפגעשטעלט. אויף זיין לאגער געפינט זיך שטענדיק א שפע פון כלערליי סחורות (באקאליי, גאלאנטעריי, אייזן און מאנופאקטור). ביים קאאפעראטיוו ארבעט א רייכע קריסטלעכע באנק. אויך איז ביים קאאפעראטיוו איינגעארדנט א גרויסע „מלעטשארניע“ (מילך־ווירטשאפט). מ'ברענגט אין דער „מלעטשארניע“ מילך פון פאר 15 קמ. ווייט. פון דעם מילך ווערט אויסגעארבעט זיסע פוטער, וועלכע גייט אויף ווילנע און ווארשע. א דאנק דער באנק, דער „מלעטשארניע“ און דעם איינקויף פון פלאקס, איז דער קאאפעראטיוו ענג צוזאמענגעבונדן מיט דער קריסטלעכער באפעלקערונג פון דער גאנצער סביבה. פאר די פארקויפטע פלאקס און די צוגעשטעלטע מילך ווערט איינגעצאלט ניט גלייך מיט מזומן, נאר עס ווערן ארויסגעגעבן אויף דעם קוויטן. ביים באקומען דאס געלט אויף די קוויטן ווערט מען געצוואונגען צו איינקויפן אלץ, וואס מ'דארף, אין קאאפעראטיוו. עס ווערט אויך געפירט אן אגיטאציע צווישן דער באפעלקערונג פארן קאאפעראטיוו.

די שטעטל איז אפגעשלאסן פון צוויי זייטן דורך דער לעטישער און ליטווישער גרעניץ (די ערשטע געפינט זיך אין א מרחק פון $\frac{1}{2}$, די צווייטע פון $2\frac{1}{2}$ קמ.). אויף די מערק אין טורמאנט פארט מען זיך דעריבער צונויף נאר פון א באגרעניצטער סביבה. די מערק דא זיינען דעריבער ניט קיין גרויסע. די הויפט־ארטיקלען, וואס דער פויער פירט אויפן מארק, זיינען מילך־פראדוקטן, אייער, הינער א. א. וו., וועלכע עס קויפן איין די ארטיקע גרעניץ־ און באן־באאמטע. אויסער לעבנסמיטל־פראדוקטן קויפן די דאזיקע באאמטע אלץ איין אין ווילנע אדער אין דעם לעטישן דווינסק, וועלכער איז מער ניט ווי 20 קמ. מיטן באן ווייט פון טורמאנט. פיל ארטיקלען זיינען דארטן ביליקער, ווי אין פוילן. עס איז געווען א צייט, ווען די באאמטע האבן פון דווינסק אפילו געפירט פלייש. דאס שלאגט אלץ אונטער די יידישע פרנסות.

אויפן מארק פארן אן פרעמדע קרעמער און בעקער מיט בייגל. אזוי, אז אויסער דער קאנקורענץ פון קאאפעראטיוו האבן נאך די היגע קרעמער אויסצוהאלטן אין מארק־טאג א קאנקורענץ מיט די אנגעפארענע פרעמדע קרעמער.

אויסערן קאאפעראטיוו ארבעטן אין שטעטל נאך 3 קריסטלעכע פריוואטע קראמען. די קריסטלעכע קרעמער שטייען שטארקער ווי די יידישע. די קרעמעריי איז ביי זיי א צוגאב־פרנסה, פון וועלכע זיי דארפן ניט לעבן. דער עיקר באשעפטיקונג זייערע איז ערד־ארבעט.

פון צייט צו צייט (אומגעפער איינמאל א חודש) פארט נאך ארום אין שטעטל דער באוועגלעכער באן־קאאפעראטיוו. ער האט זיינעם אן אייגענעם וואגאן, אין וועלכן ער פירט איבער זיינע סחורות (באקאליי, גאלאנטעריי, מאנופאקטור און ש״ד) פון איין באן־סטאנציע אויף דער צווייטער. אויף יעדער באן־סטאנציע שטייט ער אפ א 3—4 טעג. די סחורות זיינע פארקויפט ער אין וואגאן, וואס דינט אים אלס געשעפטס־לאקאל. דער קאאפעראטיוו לייזט פיל און אלץ אויף מזומן.

ניט קוקנדיק אויף דעם, וואס די שטעטל געפינט זיך אין ספעציפישע באדינגונגען, וועלכע פארשווערן דעם האנדל (די נאענטקייט פון גרעניץ, אומגערעטעניש פון די לעצטע 2 יאר א. א.), זיינען דא די שטייערן, וואס זיינען ארויפגעלייגט געווארן אויף די קרעמער און הענדלער, גאנץ גרויסע.

די גאַנצע שטעטל קרעכצט ממש אונטער דעם לאַסט פון די שטייערן.

די בעלי-מלאכות, וועלכע פאַרנעמען זיך נאָר מיט זייער פאַך, שטייען זייער שלעכט. ניט דאָס שטעטל אליין, ניט די סביבה גיבן ניט קיין אַרבעט דעם בעל-מלאכה. אַלס אילוסטראַציע קען דינען דער פאַקט, וואָס דאָ איז געווען איין יידישער שוסטער, האָט ער געמוזט אַרויס פון שטעטל, ווייל ער האָט דאָ ניט געהאַט קיין אַרבעט. 2 יידישע שניידער און 2 שניידערקעס זיינען אַרבעטסלאָז און אָרים. אין אַלע דערפער זיינען דאָ קריסטלעכע שניידער און שניידערקעס.

3 פאַמיליעס פאַרנעמען זיך דאָ מיט פישעריי, איינע אין אַ גרעסערן מאַסשטאַב, צוויי אין אַ קלענערן. די דאָזיקע באַשעפטיקונג איז פאַרבונדן מיט גרויסע הוצאות, אויב מ'וויל איר אַוועקשטעלן, ווי געהעריק. מען דאַרף האָבן גרויסע, גוטע נעצן, זיי קאָסטן אָבער טייער און די היגע פישער האָבן ניט אַזעלכע נעצן.

יונגע בחורים גייען אַרום ליידיק, האָבן ניט וואָס צו טאָן און זיינען גרייט צו ערפילן יעטוועדער אַרבעט, וואָס נאָר עס וועט זיך זיי מאַכן, אַבי צו פאַרדינען עטוואָס פאַר זיך און אָפטמאָל אויך פאַר דער גאַנצער פאַמיליע (אַ מוטער, קליינע ברידער און שוועסטער), וועלכע איז אָפּהענגיק פון זייערע פאַרדינסטן. צו פאַרדינען ביי אַן אַרבעט מאַכט זיך דאָ אָבער זייער זעלטן, נאָר אַמאָל ביי דער באַן, ביים אויסלאָדעווען וואַגאָנעס אָדער ביים איבערלאָדעווען וואַגאָנעס מיט סחורה, וועלכע גייט אויף אויסלאַנד. דאָס הויפט-איבערלאָדעווען וואַגאָנעס מיט סחורות אויף אויסלאַנד (אַפילו מיט די אַרטיקלען, ווי האָלץ, שטיינקוילן, זאַלץ, נאַפט א. א., וועלכע שטאַמען פון פוילן) קומט אָבער פאָר אויף דער נאָענטער לעטישער באַן-סטאַנציע זעמגאַליע, וואו פוילישע אַרבעטער קענען ניט אָנקומען. עס איז זייער שווער צוצוזען די פאַרצווייפלונג פון אָט די יונגע מענטשן, קרעפטיקע און ניט קיין אומוויסנדע, וועלכע וואָלטן געטאָן די שווערסטע און שוואַרצסטע אַרבעט, אָבער זיי געפינען איר ניט.

דער אָרט לעבן, אין אַלגעמיין, איז דאָ זייער אַ געמיינער. פאַראַן אַ 5 פאַמיליעס, וועלכע האָבן ניט אויפן טעגלעכן ברויט, און ליידן פשוט הונגער.

**טראָק** (ווילנער קרייז). די אַלגעמיינע צאָל פון דער גאַנצער באַפעלקערונג (יידן, קאַראַאימער, קריסטן) איז 3.000 נפשות, בערך 600 משפחות. צווישן זיי: יידן — 85 פאַמיליעס (425 נפשות), קאַראַאימער ביי 60 פאַמיליעס, קריסטן — 450 פאַמיליעס.

די הויפט-באַשעפטיקונגען פון די יידן זיינען קרעמעריי און קליינהאַנדל (די קאַראַאימער א. א. פאַרנעמען זיך מיט גערטנעריי פון אוגערקעס, וועלכע האָבן אַ שם אַלס „טראָקער אוגערקעס"). ניט די קרעמעריי און ניט דער קליינהאַנדל גיבן ניט צום לעבן. דעריבער זיינען די באַשעפטיקונגען פאַרבונדן מיט נאָך אַ זייטיקער פרנסה (מלאכה, ערד-אַרבעט, פישעריי). אָפטמאָל איז שווער אונטערצושיידן, וועלכע פון די צוויי באַשעפטיקונגען איז ביי דער באַטרעפנדער פערזאָן די הויפט-פרנסה. אָבער אַפילו מיט צוויי פרנסות אין האַנט מאַכן ניט אַלע דעם לעבן, און אָן די אַמעריקאַנער אונטערשטיצונגען פון קרובים, וועלכע עס באַקומט זייער אַ גרויסער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג, וואָלט אויסגעקומען גאַנץ שווערלעך.

קיין קריסטלעכע קאָאָפּעראַטיוון זיינען ניטאָ. די קאַראַאימער האָבן געעפנט אַ קאָאָפּעראַטיוו,



האַלט ער ביים פאַרמאַכן זיך. בכלל, איז דער פדיון אין די קראָמען אַ גאַנצע וואָך, אויסער דעם מאַרק-טאָג, זייער אַ שוואַכער.

עס איז געווען אַ שטרעבונג אַרויסצופירן דעם בהמות- און פערד-מאַרק הינטערן שטעטל. די יידן (די קרעמער) האָבן געמוזט דינגען אַ פריוואַטן פלאַץ אויף איינצואָרדענען דאָרט דעם פי-מאַרק. דערביי האָט די גמינע פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל איר צושטעלן אַ קאָנטראַקט אויף דעם פלאַץ אויף אַ טערמין ניט ווייניקער, ווי 3 יאָר. איצט מוזן די יידישע קרעמער צאָלן יערלעך פאַרן פלאַץ 400 זל. (יעדער קרעמער צאָלט פון 12 ביז 18 זל. אַ יאָר).

די פרישע פאַראָרדענונג פון דער מאַכט, אַז די קראָמען מוזן אינגאַנצן איזאָלירט ווערן פון די וואוינונגען און זיי מוזן גרינטלעך רעמאָנטירט ווערן, כדי זיי זאָלן זיך צופאַסן צו די לעצטע פאָרשריפטן וועגן די לאָקאַלן, וואו עס געפינען זיך האַנדלס-אונטערנעמונגען (דער דיל מוז זיין ניט דורכלאָזבאַר פאַר וואַסער, די ווענט הינטער די פאָליצעס געפאַקסטירט) דראָט אינגאַנצן צו רואינירן די קרעמער. אַזאַ רעמאָנט דאַרף אָפּקאָסטן אַ 500—600 זל. קיין איין קרעמער האָט ניט ביכולת דורכצופירן אַזאַ רעמאָנט פאַר איינמאָל, אויסערדעם, איז דאָס, וואָס די קראָמען וועלן מוזן זיין איזאָלירט פון די וואוינונגען, זייער אַ שווערע גזירה פאַר אַלע קרעמער. די גאַנצע וואָך, אויסער מאַרק-טאָג, קומט אַריין זעלטן אַ קונה אין קראָם. דער קרעמער זיצט ביי זיך אין וואוינונגס-צימער און פאַרנעמט זיך מיט עפעס אַנדערש, וואָס דינט אים אַלס צווייטע באַשעפטיקונג צו דער קרעמעריי. אַז עמיצער קומט אַריין אין קראָם, קען ער צו אים גלייך אַרויסגיין. ביי דער געפּלאַנטער איזאָלירונג וועט ער מוזן דעם גאַנצן טאָג זיצן אין קראָם, וואו עס איז שווער און עס איז אויך ניט ערלויבט צו פאַרנעמען זיך מיט אַ מלאכה א. ד. גל.

אַ ביסל אויפלעבונג ברענגען אַריין פון צייט צו צייט אין שטעטל די עקסקורסיעס, וואָס קומען אָנקוקן די רואינעס פון שלאָס, די אָזערע און די אַנדערע מערקווירדיקייטן פון דער שיינער טראָקער אומגעגנט.

**לאַנדוואַראָווע** (ווילנער קרייז). די צאָל פון די קריסטלעכע איינוואוינער איז 1000 נפשות, פון די יידישע איינוואוינער — 160.

די עקאָנאָמישע לאַגע פון דער יידישער באַפעלקערונג איז אַ שווערע. די הויפט-פרנסה איז קרעמעריי און איז פאַרבונדן מיט אַנדערע באַשעפטיקונגען (מלאכה, קליינהאַנדל א. אַז. וו.). אַ טייל פאַמיליעס לעבן פון דעם, וואָס זיי גייען אין טראָק (8 קילאָמעטער ווייט) אויפן מאַרק, קויפן דאָרט איין לעבנסמיטל-פּראָדוקטן (אייער, הינער, פוטער, קעז א. א.) און פאַרקויפן עס נאָכדעם מיט אַ קליינעם רווח אין לאַנדוואַראָווע (די יידן אין די קריסטלעכע באַן-באַאַמטע). 16 פאַמיליעס האָבן געוואָלט קויפן ערד ביים גראַף. יק"אַ האָט צוגעזאָגט אַ הלוואה. די יידן האָבן געגעבן האַנט-געלט דעם גראַף, און צום סוף איז די קניה ניט באַשטעטיקט געוואָרן פון דער מאַכט (די ערד געפינט זיך אונטער אַ וואַלד, האָט די מאַכט ניט ערלויבט צו האַקן דעם וואַלד). דער הויף איז שולדיק פיל יידן היפשע סומעס פאַר אָנגענומענע פּראָדוקטן ביי די קרעמער, קצבים, בעקער א. א., און האָט ניט די מעגלעכקייט אינגאַנצן אויסצוצאָלן די חובות, מען גיט אַ ביסל געלט און מען באָרגט אָן אויף מערער. צוליב דעם פילט זיך אַ גרויסער מאַנגל אין אַ מזומנעם גראָשן.





**לידע** (נאָוואָגרודקער וואָיעוו.). די אַלגעמיינע באַפעלקערונג 15.500, פון זיי יידן 9.000.

אַ גרעסערער, לעבעדיקער פונקט מיט אַ זייער גוטער קאָמוניקאַציע, אָבער אויסער אַ 10 פּראָצ. גרויסע סוחרים און קרעמער און אַ פּאָר אינדוסטריעלער, איז די לאַגע פון דער גאַנצער איבעריקער יידישער באַפעלקערונג דאָ אַ גאַנץ שווערע. די גרויסע מאַסע קליינהענדלער, קרעמער א. אַז. וו. מאַטערן זיך גענוג שווער און ביטער, און דערצו ניט אַלע נאָך מאַכן אַ לעבן. ווי אַ קאָמפּעטענטע פּערזאָן, וועלכער קען גענוי די לאַגע אין שטאָט, גיט איבער, האָבן אַ גרויסער פּראָצענט פון אָט די קליינהענדלער, קרעמער א. אַז. וו. אין זייער געשעפט ממש קיין אייגענעם גראָשן ניט. די גאַנצע ענערגיע מוז פאַרווענדעט ווערן אויף דעם, ווי דורכצודרייען זיך און ניט בלייבן שטיין. די פאַרדינסטן זיינען מינימאַלע. די קליינע קרעמער האָבן אויסצושטיין אַ שטאַרקע קאָנקורענץ פון די „אַפטאָוויקעס", וועלכע פאַרקויפן סחורה דעם קאָנסומענט צום זעלביקן פרייז, ווי דעם קליינעם קרעמער, דעם דעטאַליסט. די „אַפטאָוויקעס" טוען עס, ווייל זיי קויפן זיך אויף אַ מזומנעם זלאָט, וועלכן מען קען באַקומען גיכער ביים קאָנסומענט. עס אַרבעטן אין שטאָט פיל קריסטלעכע קאָאָפּעראַטיוון, און די יידן לאָזן זיך עס זייער גוט פילן. עס זיינען דאָ אין שטאָט אויך אַ גרויסע צאָל פּריוואַטע קריסטלעכע געשעפטן, גרעסערע און קלענערע. נאָר באַדייטנדער פאַרערגערט די לאַגע דאָס, וואָס אין אַלע דערפער האָבן זיך געעפנט קראָמען, און די לייזונג פון פויער פאַרקלענערט זיך. דאָסזעלבע איז אויך בנוגע די האַנטווערקער. אַלע דערפער האָבן זייערע שוסטער, שניידער, שמידן א. אַז. וו.

אַ טייל בעקערייען זיינען געשלאָסן, אַ טייל האָבן דורכגעפירט רעמאָנטן און אַרבעטן. אָבער אויך די לעצטע זיינען ניט זיכער קעגן נייע פאָדערונגען, וועלכע ווערן זיי געשטעלט אַלץ ווידער און ווידער.

**לינגמיאַן** (סווענציאַנער קרייז). די אַלגעמיינע צאָל פון דער באַפעלקערונג איז 175 פאַמיליעס, פון זיי 50 יידישע.

פאַר דער מלחמה איז לינגמיאַן געווען זייער אַ לעבעדיקע האַנדלס-שטעטל. דער הויפט-מסחר איז געווען מיט פּרוכט (קאַרשן), שוועמלעך און יאַגדעס. דער מסחר מיט די פּראָדוקטן האָט זיך געפירט אין אַ גרויסן מאַסשטאַב. אויסערדעם, זיינען אין שטעטל נאָך געווען יידישע תבואה- און פלאַקס-הענדלער. אויך איז געגאַנגען אַ געשעפט מיט פיש און ראַקעס. יידישע פאַמיליעס זיינען דאַן אין שטעטל געווען איבער 130, פון זיי אַ 25 קרעמער און אַ 25 בעלי-מלאכות. אַלע האָבן געמאַכט אַ לעבן, און אין הינזיכט פון פרנסה איז לינגמיאַן געשטאַנען העכער, ווי אַלע אַרומיקע שטעטלעך.

ביים אָנקומען פון דייטשן מיליטער זיינען אַ טייל אָרטיקע יידישע פאַמיליעס אַרויסגעפאָרן קיין רוסלאַנד. אַז עס איז געשלאָסן געוואָרן דער שלום צווישן דייטשלאַנד און רוסלאַנד האָבן זיך פיל פון זיי אומגעקערט צוריק אין לינגמיאַן מיט באַדייטנדע געלט-מיטלען, וועלכע זיי האָבן זיך דערוואָרבן דורך האַנדל אין רוסלאַנד.

אין 1919 יאָר איז לינגמיאַן געוואָרן אַ גרעניץ-פונקט צווישן ליטע און פוילן. די גרעניץ גייט דורך האַרט ביים סאַמע שטעטל. דער יידישער בית-עולם געפינט זיך שוין אויף דער ליטווישער זייט. אין איין יידישן הויז גייט אַרויס די פאָדערשטע טיר צו דער פוילישער זייט און די הינטערשטע צו דער ליטווישער. די ליטווישע גרעני-

ניק־וואך גיט אכטונג, אז קיינער זאל ניט ארויס־גיין דורך דער הינטער־טיר. אלע קריסטלעכע פעלדער ליגן אויף דער צווייטער זייט גרעניץ אלע טאג, אין דער ארבעטס־צייט, מוזן זיי נעמען „פשעפוסטקעס" אויף אריבערצוגיין די גרעניץ צו ארבעטן אויף די פעלדער. די קי ווערן בע־ציילט אלע אינדערפרי, ווען מען לאזט זיי ארויס אויף די פאשע, וועלכע ליגט אויך אויף דער ליטווישער זייט. פארנאכט ווערט די סטאדע אריינ־געלאזן אין שטעטל ווידער מיט א צאל.

ביז 1929 פלעגט מען קיינעם ניט אריינלאזן אין שטעטל, אפילו פוילישע בירגער, אן א ספע־ציעלע ערלויבעניש אויף דעם פון דעם סוועגציא־נער סטאראסטע. דאס לעבן אין שטעטל איז אין אלגעמיין געווען, ווי אויף א מלחמה־פראנט. פאר־נאכט, ווי די זון איז נאר אונטערגעגאנגען, פלעגט מען געבן א סיגנאל דורכן קלינגען פון קליסטער־גלאק. פון דער מינוט אן פלעגט זיין פארבאטן ארויסצוגיין פון שטוב אין משך פון א גאנצער נאכט, ביז 5 אזייגער פארטאג. פלעגט עמיצער נאר ארויסשטעקן די נאז פון טיר, פלעגט ער גלייך פארהאלטן ווערן פון די מיליטערישע פאטרולן, וועלכע פלעגן שטענדיק באוואכן די גאסן פון שטעטל. דער פארהאלטענער פלעגט א גאנצע נאכט מוזן אפזיצן אין דער וואך. אינ־דערפרי פלעגט ער באפרייט ווערן, נאר ער פלעגט מוזן איינצאלן א געלט־שטראף.

אזא מין לאגע, וועלכע האט זיך געצויגן במעט גאנצע 10 יאר, האט עקאנאמיש פולשטענדיק חרוב געמאכט דאס שטעטל. שוין אפגערעדט פון א מארק, וועלכער האט, זעלבסטפארשטענדלעך, דא ניט געקענט פארקומען, האט אפילו די קריסטלעכע באפעלקערונג פון די ארומיקע דערפער ניט גע־האט די מעגלעכקייט, צוליבן פארבאט פאר די ניט־שטעטלשע איינוואוינער אריינצוקומען אין שטעטל, צו באזוכן דעם קלויסטער אין ליגנמיאן, צו וועלכער פאראפיע זי האט פריער אנגעהערט. מיט דער צייט האט די ארומיקע קריסטלעכע בא־פעלקערונג זיך איינגאנצן אפגעוויינט צו פארן און צו גיין אין ליגנמיאן. עס קומט פון צייט צו צייט א קסיאנדז פון סוועגציאן, וועלכער לעבט דארט פון לערער. דאס אלץ באווייזט, ווי די שטעטל איז טויט און ווי יעדער צופאר צו איר איז אפגעשטעלט.

קרעמער אין שטעטל זיינען דא א 5—6. די געשעפטן, וואס זיי מאכן, זיינען אבער זייער קלאגעדיקע. די בעלי־מלאכות שטארבן דא פשוט פון הונגער. קיינער פון די שטעטלשע איינוואוי־נער מאכט זיך גארניט און קיינער גייט זיך גאר־ניט. די בעקרייען און די „פיוויארניעס", וואס זיינען דא געווען, האבן זיך פון יאר 1929 פאר־מאכט, ווייל עס לוינט ניט צו האלטן דא אויף דעם א בילעט און צו צאלן שטייערן. מיט דעם נישטיקן פדיון איז, ווארשיינלעך, אויך צו דער־קלערן, וואס דא האט זיך ביז איצט ניט געעפנט קיין קריסטלעכער קאאפעראטיוו.

אלע כאפן זיך דא צום דארפס־האנדל. ער ווערט געפירט זייער קליין. מ'גייט אדער מ'פארט אויפן דארף און מ'קויפט איין א ביסל פיש, סלאקס, א קעלבל, פוטער, אייער וכדומה, וועלכע מ'פארקויפט דערנאך אין דעם נאענטן ניי־סוועגציאן (20 קילאמעטער ווייט) מיט א קליינעם ריוח. פיל פון די קליינהענדלער קויפן זיך אויף דעם, וואס אין דארף קריגט מען ביים פויער זייער אפט אומזיסט מיט וואס אונטערצושפארן דאס הארץ: א געקאכטע קארטאפל אדער א שטיקל ברויט מיט מילך. ביי דער ארעמקייט, וואס הערשט דא און וואס דערגייט ממש ביזן הונגער, איז די מעג־לעכקייט אפצוזעצן אין דארף ניט פון די קליינ־קייטן.

מיט א יאר 4—5 צוריק זיינען דא די צאל קראמען געווען מער ווי אין דאפלט. דער גרעס־טער טייל פון זיי האט זיך אבער געמוזט צומאכן. איצט מאנט מען אויך ביי די, וואס האבן שוין לאנג ליקווידירט זייערע געשעפטן, די פארלעגענע שטייערן. די סעקוועסטראטארן שרייבן אפ אלץ, וואס זיי געפינען אין שטוב: א קו, א קישן, א ביסל קארענע מעל א. אז. וו.

פון א צייט שוין, ווי מען צעלויפט פון שטעטל. מען עמיגרירט מעבר לים (ס'רוב קיין דרום־אמע־ריקע), מ'פארט ארויס אין אנדערע שטעטלעך. דאס קענען טאן אבער נאר די שטיפערע מענטשן, וואס באזיצן עטוואס מיטלען. די ארעמקייט איז ווילנדיק ניט ווילנדיק צוגעבונדן צום ארט, וואו זי מוז זיך ווייטער פלאגן און ביטער קעמפן פאר איר עקזיסטענץ.

א ביסל האלט אונטער די שטיצע, וועלכע עס באקומען א טייל פון די היגע איינוואוינער פון זייערע פריינט און קרובים פון אמעריקע.

**ליפנישאק** (לידער קרייז). די אלגע־מיינע צאל פון דער באפעלקערונג איז 300 פאמי־ליעס, פון זיי 100 יידישע.

די הויפט־באשעפטיקונגען פון די יידן זיינען קרעמעריי, האנטווערקעריי און ערד־ארבעט.

אין שטעטל זיינען דא 30 יידישע קראמען, א קריסטלעכער קאאפעראטיוו, וועלכער ווערט געשטיצט דורך דער גמינע, און איין קריסטלעכע גרויסע קראם. נאר אמערגסטן זיינען פאר די היגע יידישע קרעמער די מאסע קראמען, וועלכע האבן זיך געעפנט אין אלע ארומיקע דערפער. דער פויער קריגט אלץ צו קויפן אויף די שטעטלשע פרייזן ביי זיך אין דארף, און האט ניט נויטיק צו קומען אין שטעטל. דער מארק קומט דא פאר איינמאל אין וואך, אלע דאנערשטאג. אויפן מארק קומען צופארן פרעמדע קרעמער (יידן און קריסטן) מיט טאנדעס און גאלאנטעריי, אבער ניט אין אזא גרויסער צאל און ניט מיט אלע פארשיידענע סחורות, ווי עס איז דער פאל אין אנדערע שטעט־לעך.

האנטווערקער זיינען דא 40: 7 שוסטער, 8 שניי־דער, 14 שניידערקעס, 4 שמידן, 3 קצבים און 4 בעקער. די יידישע האנטווערקער שטייען דא זייער שלעכט. אין די דערפער זיינען פאראן פיל קריסטלעכע שניידער און שניידערקעס און שוס־טער. די קריסטלעכע שניידער און שניידערקעס ארבעטן מיט ווארשטאטן צו 4—5 ארבעטער, די יידישע שניידער און שניידערקעס האבן זעלטן אר־בעט נאך פאר איין ארבעטער, און ארבעטן גרעסטנטיילס אליין. צוליב די קריסטלעכע שוסטער האבן אויך ווייניק ארבעט די יידישע שוסטער. די יידישע שוסטער און שניידער זיינען דעריבער זייער ארעם. די שמידן פארדינען ניט שלעכט. קיין יידישע בוי־ארבעטער (סטאלארעס און טשעס־לארעס) זיינען אין שטעטל לגמרי ניטא.

מיט ערד־ארבעט פארנעמען זיך אין שטעטל ביי א 20 יידישע פאמיליעס. די ערד נעמען זיי אויף ארענדע ביי די שטעטלשע פויערים. די תנאים פון דער ארענדע זיינען ניט קיין לייכטע: 8 פור קארן פאר יעדע דעסיאטין יערלעך, דער־ביי ארויסמיסטיקן די פעלד דארפן די יידן, אין דער צייט ווען דער טערמין פון דער ארענדע איז מערניט ווי 2—3 יאר. די יידן ערד־ארבעטער פירן איין אלע ארבעטן גרעסטנטיילס אליין מיט דער פאמיליע.

דער קליינהאנדל ווערט דא געפירט אין א קליינעם פארמאט, מיט פעלכלעך, חזיר־האר, קאדער א. אז. וו. איבערהויפט ווערט דער קליינ־האנדל געפירט דורך די דארפס־הענדלער אויפן דארף.

אין זומער 1926 האט די גאנצע שטעטל אפגעברענט. די אפגעברענטע הייזער זיינען גע־ווען פארזיכערט אין זייער קליינע סומעס. עד־היום מאטערט זיך נאך די שטעטל מיטן אפבויען זיך.

א גרויסע שטיצע פארן שטעטל איז די הילף, וואס 75 פראצענט פון דער יידישער באפעלקערונג באקומען פון זייערע קרובים אין אמעריקע.

**לעבעדעווע** (מאלארעטשער קרייז). די אלגעמיינע צאל פון דער באפעלקערונג איז 400 פאמיליעס, פון זיי 200 יידישע.

די הויפט־באשעפטיקונגען פון די יידן זיינען קרעמעריי, קליינהאנדל און האנטווערקעריי.

אין שטעטל זיינען פאראן 80 קראמען. קריסט־לעכע קראמען זיינען דא 2 און 1 קריסטלעכער קאאפעראטיוו. דער קאאפעראטיוו אונטערן נאמען „זאושא" איז אן אפטיילונג פון דעם ווייסרוסישן קאאפעראטיוו אין מאלארעטשנע. אויף זיין לאגער געפינען זיך ארטיקלען פון ערשטן געברויך, אייזן און גאלאנטעריי־סחורות. ער מאכט ניט קיין שלעכטע געשעפטן. דער מארק קומט דא פאר איינמאל א וואך, אלע מאנטאג. אויפן מארק פארן אן א מאסע פרעמדע קרעמער און בעקער. די קרעמער ברענגען כלערליי סחורות: שניט, טאנ־דעס, לעדער, שוכווארג, גאלאנטעריי און באקאליי. זיי ברענגען זייער א גרויסן שאדן די ארטיקע קרעמער דערמיט, וואס זיי פארקאנקורירן די פרייזן. אין אלגעמיין פילט זיך אין שטעטל א גרויסער איבערפלוס אין קראמען, און די פרנסה איז דעריבער א געשלאגענע.

דער קליינהאנדל קומט פאר איבערהויפט אין הארבסט און ווינטער־צייט מיט תבואה, חזיר־האר, פעלכלעך א. א. די אלע מסחרים ווערן דא גע־פירט אין א קליינעם מאסשטאב.

ערגער פון אלעמען שטייען דא די האנטווער־קער. אין שטעטל און אין די ארומיקע דערפער זיינען דא פיל קריסטלעכע שניידער און שוסטער, צווישן וועלכע א טייל זיינען ספעציאליסטן אין זייער פאך און אנטקעגן וועלכע די יידישע שוס־טער און שניידער קענען זיך ניט אונטערשטעלן מיט זייער ארבעט. די בעסטע ארבעט פאלט טאקע דעריבער אריין אין די הענט פון די קריסטלעכע בעלי־מלאכות. דאס ביסל יידישע בוי־ארבעטער, וואס געפינט זיך אין שטעטל, איז ארבעטסלאז.

**מיאדל** (פאסטאווער קרייז). די אלגע־מיינע צאל פון דער באפעלקערונג איז 180 משפחות, פון זיי 60 יידישע.

די הויפט־באשעפטיקונגען פון די יידן זיינען קרעמעריי און האנטווערקעריי.

אין שטעטל איז דא אן איבערפלוס פון קרא־מען (איבער 30 קראמען). דער מארק קומט דא פאר איינמאל א וואך, אלע דאנערשטאג. אויפן מארק פארן אן א מאסע פרעמדע קרעמער (ס'רוב יידן) און בעקער. די פרעמדע קרעמער ברענגען שניט, לעדער, גאלאנטעריי, טאנדעס, שוכווארג א. אז. וו. זיי נעמען אפ דעם לעצטן ביסל פדיון ביי די ארטיקע קרעמער. קיינער פון זיי מאכט ניט פון זיין קראם אפילו א 1/4 פון דער חיונה. די קרעמעריי איז דעריבער דא פארבונדן נאך מיט א צווייטער באשעפטיקונג, מיטן קליינהאנדל, דארפס־האנדל (קאראבעלניקעס) א. א. די שטייערן זיינען דא זייער גרויסע.

אין שטעטל און אין אלע דערפער זיינען פאראן פיל קריסטלעכע בעלי־מלאכות. די יידישע

שוסטער און שניידער זיינען ארבעטסלאז. עס זיינען אין גאנג טאנדעט-מלבושים און פארטיקע שיכווארג. דער מאטעריעלער מצב פון אלע יידישע בעלי-מלאכות איז דא זייער א שווערער.

**מיאר** (בראסלאווער קרייז). די אלגעמיינע צאל פון דער באפעלקערונג 150 פאמיליעס, פון דעם קריסטלעכע פאמיליעס נאר 10.

מיאר איז געווען זייער א לעבעדיקער האנדלספונקט, ווייל דא איז געווען א צענטער פון זייער א גרויסן פלאקס-מסחר. די מערק אין מיאר זיינען געווען זייער גרויסע, און עס פלעגן זיך אויף זיי אויפסארן פלאקס-הענדלער פון גאר ווייט. אויסער די פרעמדע סוחרים, האט מיאר געהאט פיל אייגענע, גרעסערע און קלענערע, פלאקס-סוחרים, פראסלער (ארער פלעקסער, ווי מ'רופט זיי דא), טרעפלער (וואס ארבעטן ביים סארטירן פון דעם פלאקס) א. אז. וו. אין סעזאן-צייט (הארבסט און ווינטער) פלעגן געוויינלעך אלע גוט פארדינען.

אין פאריקן זומער איז געווען דא א פולשטענדיקע אומגערעטעניש אויף אלץ, וואס מ'האט נאר פארזייט און פארזעצט אין דרערד.

די אומגערעטעניש האט געטראפן אלעמען: די פלאקס-הענדלער, דעם קרעמער, האנטווערקער, דארף-הענדלער (קאראבעלניקעס) א. א.

קרעמעריי שטייט שוין דא פון לאנג אן, זינט עס האט זיך געעפנט אין שטעטל אן אפטיילונג פון דעם בראסלאווער קאאפעראטיוו „ראלניק“, זייער שלעכט. דעם „ראלניק“ האלט אונטער דער סיימיק, ער האט דעם מאנאפאל אויף נאפט און זאלץ. כמעט די גאנצע לייזונג פון געגנט און שטעטל איז איבערגעגאנגען צום „ראלניק“. אויפן לאגער האט ער א מאסע סחורות פון באקאליי, גאלאנטעריי און אייזן. איצט בויט מען פארן „ראלניק“ א געמויערטן בנין אויפן מיטן מארק. דארטן וועט זיך עפענען א בעקעריי, אויך וועט מען איינפירן שניט און לעדער. די סחורות פארן „ראלניק“ ברענגט מען פון זיינע סקלאדעס פון דרויע (אויסשליסלעך אויף קריסטלעכע פורן). די יידישע קרעמער מוזן אויך קויפן אין „ראלניק“ זאלץ, מעל, גרויפן, נאפט א. אז. וו., און אויך גאנץ שטעטל קויפט דא-טן אלץ, וואס עס איז איר נייטיק פון די מינים. דער „ראלניק“ פארקויפט ביליקער, ווי די יידישע קרעמער, און אויסערדעם, גיט ער אלעמען סחורה אויף קרעדיט אויסצוצאלן צו 3—5 זל. א וואך. אויסערן „ראלניק“ זיינען דא נאך 2 קריסטלעכע קאאפעראטיוון, א פריצישער און א פויערישער, און 1 קריסטלעכער קרעמער, וועלכער איז רייך, ווייל ער האט פיל ערד און דארף ניט לעבן פון קראם.

דער מארק קומט פאר איינמאל אין וואך, אלע מאנטאג. אויפן מארק פארן אן א מאסע פרעמדע קרעמער, בעקער, קירזשנער. מ'ברענגט גאלאנטעריי, לעדער, מאנופאקטור א. א. אפילו הערינג און נאפט ברענגען די פרעמדע קרעמער. זיי פארקויפן פיל סחורות אונטערן פרייז, און נעמען צו דאס לעצטע ביסל פדיון ביים ארטיקן קרעמער.

ניט קוקנדיק אויף דעם זיינען דא די שטייערן זייער גרויסע, און דער אומזאץ ווערט אפגעשאצט פיל גרעסער, ווי ער איז אין דער ווירקלעכקייט.

די היגע קאראבעלניקעס זיינען, צוליב דער ארעמקייט פון פויער, זייער געדריקט. דער גאנצער אייגנס זייערער באשטייט אין 100—150 זל., פון דעם איז ביי א 100 זל. ווערט דער פערד און שליטן, און פאר 50 זל. פירט מען סחורה. די לעצטע באשטייט פון הערינג, זייף, נאפט און שוועבעלעך. זיי מאכן איצט אויסן דארף קיין געשעפטן ניט. זעלטן נאר, ווען מען קריגט אומצוביישן א ביסל פון די אייגענע סחורה אויף א פעלכל, א בינטל חזיר-האר, א זעקל געפרעגלע קארטאפל א. אז. וו.



די בעקער פארמאטערט מען מיט די רעמאנטן. מ'הייסט מאכן א רעמאנט און דערנאך איבערמאכן. דאס זעלבע איז אויך בנוגע די יאטקעס. איצט האט מען ארויסגעשטעלט פאדערונגען פון רעמאנטן די קרעמער.

דער וואלד-מסחר אין דעם קאנט ענדיקט זיך אויך. די רעגירונג האט אנגעהויבן צו עקספלאאטירן די וועלדער אויף דער אייגענער רעכענונג.

מען איז זייער גערן עפעס צו פארדינען. פראסלער און דארף-הענדלער, וועלכע האבן פערד און זיינען אליין ביי די כוחות צו ארבעטן שווער, קויפן א בוים אין וואלד, לאזן אים אליין אראפ און פירן אים פארקויפן פאר 24 קילאמעטער די ווייט אין דרויע. מיטן פערד קען מען מאכן ביי דעם א טאג ביז 10 זל. דעם פערד דארף מען אפגעבן פון דעם פארדינסט פוטער אויף 6—7 זל.

**מאלאדעטשנע** (ווילנער וואיעוו.). די אלגעמיינע צאל פון דער באפעלקערונג איז 2.000, פון זיי 607 יידן. די עקאנאמישע לאגע אין שטעטל איז ניט נאר קיין שלעכטע. די קריסטלעכע באפעלקערונג ארום איז א גאנץ גרויסע. זי איז אין איר מאסע א ווייסרוסישע, וועלכע איז מער איינגעוויינט צום יידישן קרעמער.

מען וויל איבערטראגן דעם מארק אויסערן שטעטל און אויפן מארק-פלאץ פלאנצן א שטאטגארטן. עס ארבעטן עטלעכע קאאפעראטיוון, צווישן זיי א מיליטערישער, וועלכער באדינט אויך די ציווילע באפעלקערונג.

**מאלטשאד** (בארנאוויטשער קרייז). די באפעלקערונג ציילט 300 פאמיליעס, פון זיי 220 יידישע.

די הויפט-פרנסות זיינען קרעמעריי און קליינהאנדל. די קראמען אין די דערפער און דער גרויסער קריסטלעכער קאאפעראטיוו, וועלכער ווערט שטארק געשטיצט דורך די ארומיקע פריצים (ער קויפט איין סחורה אויף זייערע וועקסלען), שלאגן שטארק אונטער די פרנסה פון די קרעמער. זיי זיינען אלע זייער געדריקט.

אין די בעקערייען האט מען דורכגעפירט גרויסע רעמאנטן. מען שטעלט זיי אבער ארויס אלץ נייע פאדערונגען, וועלכע עס איז גאר אפט שווער צו דערפילן.

די האנטווערקער האבן ווייניק ארבעט און פלאגן זיך זייער שטארק.

**מיישעגאלע** (ווילנער קרייז). די אלגעמיינע צאל פון דער באפעלקערונג איז איבער 150 פאמיליעס, פון זיי 60 יידישע.

א העלפט פון דער יידישער באפעלקערונג אין שטעטל פארנעמט זיך מיטן האנדל אויף ווילנע, וועלכע איז 30 קילאמעטער ווייט פון מיישעגאלע. מען קויפט איין פי, עופות, לעבנסמיטל-פראדוקטן אויף די מערק אין מיישעגאלע און אין דערבייאיקער שטעטל פאדברעזיע, ווי אויך אין די ארומיקע דערפער, און מען פירט עס נאכדעם פארקויפן אין ווילנע. א טייל ווידער פארנעמט זיך מיט קרעמעריי. די קרעמעריי שטייט זייער שוואך. מיט א יאר צוריק האט מען אראפגעטראגן דעם מארק פון קלויסטער-פלאץ, וואו עס געפינען זיך אלע קראמען. אויסערדעם, זיינען דא אין שטעטל 4 גרויסע קריסטלעכע געשעפטן, אויך אין אלע דערפער האבן זיך געעפנט קריסטלעכע קראמען.

פון די 8 יידישע בעקערייען זיינען איצט 4 געשלאסן.



**מיכיילישעק** (ווילנער קרייז). די אלגעמיינע צאל פון דער באפעלקערונג — 250 פאמיליעס, פון זיי 140 יידישע.

די הויפט-פרנסה איז קרעמעריי. אבער קיין איין קראם גייט ניט אויף חיונה, צוליב דער גרויסער צאל קראמען אין שטעטל. עס ארבעט אין שטעטל אויך א קריסטלעכער קאאפעראטיוו.

אין שטעטל איז דא ביי א 30 קאראבעלניקעס, וואס פארן אין דארף, זייער פרנסה איז שטארק געשלאגן. אין אלע ארומיקע שטעטלעך זיינען געווארן וועכנטלעכע מערק. דער פויער קומט אפט אין די שטעטלעך אויף די מערק. ער פארקויפט דארטן זיין סחורה און קויפט אלץ איין, וואס עס איז אים נייטיק. די קאראבעלניקעס האבן פארלארן דורך דעם זייער פרנסה.

די בעלי-מלאכות, דערהויפט שניידער און שוסטער, זיינען זייער געדריקט. די בעסטע שוסטער זיינען דא קריסטן, געקומענע פון ווילנע.

די בעקערייען האבן דורכגעפירט קליינע רעמאנטן און מען האט זיי דערלויבט דערווייל צו ארבעטן.

פיל פאמיליעס באקומען שטיצע פון זייערע קרובים אין אמעריקע. דאנק דעם לעבט זיך די שטעטל ווי עס איז דורך.

**מיר** (סטאלפצער קרייז). די אלגעמיינע צאל פון דער באפעלקערונג — 1.000 פאמיליעס, פון זיי 600 יידישע.

די הויפט-באשעפטיקונג איז קרעמעריי און קליינהאנדל. די מערק קומען פאר איינמאל אין וואך, מאנטאג. פאר דער מלחמה זיינען די מירער מערק געווען א שם-דבר. מ'פלעגט אנפארן אויף זיי פון גאנץ ווייט. די הויפט-קעגנשטאנדן פון מארק-מסחר איז געווען תבואה און דער פערד-האנדל. אט דער לעצטער מסחר פלעגט עס ציען קויפער און פארקויפער פון נאענט און ווייט. איצט איז דער פערד-האנדל אינגאנצן בטל געווארן. מען פירט ניט ארויס קיין פערד אין אויסלאנד, איז אפגעשטארבן אויך דער אינעווייניקסטער פערד-האנדל. אויסערדעם, ווערן די מערק אפגעצויגן פון דער נאענטסטער שטאט סטאלפצי (סטויבץ), וועלכע אנטוויקלט זיך אלס גרעניץ-פונקט און קרייז-שטאט זייער שנעל, האט 2 מערק אין וואך און צאלט העכערע פרייזן פאר תבואה און פאר לעבנסמיטל-פראדוקטן, ווי אין די ארומיקע פונקטן. דער מארק אין מיר ווערט אלץ קלענער און פוסטער. אויפן מארק פארן אן פיל קריסטלעכע קרעמער, אפילו הערינג-קרעמער, וועלכע לייזן מער פון די ארטיקע קרעמער. אין שטאט ארבעטן 4 קריסטלעכע קראמען. אין אלע דערפער זיינען דא קריסטלעכע קראמען, אין אייניקע אויך קאאפעראטיוון. די פרנסה פון די יידישע קרעמער אין שטאט איז דעריבער זייער געשלאגן. עס פילט זיך א גרויסער איבערפלוס אין קראמען. די קאנקורענץ איז שטארק און די פארדינסטן זיינען מינימאלע.

די לאגע פון די קליינהענדלער איז אויך א שווערע. אין אלגעמיין פירן דא ניט די תבואה-הענדלער דעם מסחר אויף דער אייגענער רעכענונג. זיי נעמען אן פריער געלט ביי די גרעסערע סוחרים פון דער פרעמד, וועמען זיי מוזן אפגעבן די איינגעקויפטע תבואה פאר א גאר קליינעם רווח. פאר זיי זיינען די 50 זלאטיקע הלוואות, וואס דער גמילות-חסד גיט, א גרויסע זאך.

די בעלי-מלאכות שטייען אויך ניט גוט. אין שטאט זיינען דא פיל קריסטלעכע שוסטער. אויך זיינען דא בעלי-מלאכות אין די דערפער: שוסטער, שניידער און שמידן. מ'קויפט פיל פארטיקע בגדים

אין שיך. די קריסטלעכע שוסטער טראגן ארויס פארטיקע סחורה אין מארק און פארקויפן עס. די יידישע שוסטער פעלט אויסלייג אויף אנצוגרייסן פארטיקע סחורה.

א פארלייכטערונג אין דער שווערער לאגע ברענגט אריין די שטיצע, וואס איבער 50 פראצ. פון דער יידישער באפעלקערונג באקומט פון קרובים און פריינט פון אמעריקע.

אויך גיט די מירער ישיבה מיט אירע 400 בחורים א 1.000 דאלאר פרנסה, מאנאטלעך, דער שטאט. מ'האלט אויף קווארטיר בחורים און מ'קאכט פאר זיי עסן. דער פרייז פארן קאכן פאר א בחור איז 1 דאלאר א חודש און פאר קווארטיר פון 50 סענט ביז 1 דאלאר א חודש. די באלעבאטים, וואס האבן, למשל, ארומצוגיין א 5 בחורים, פראצעווען איבער די כוחות, זיי זיינען אבער צופרידן מיט די עטלעכע דאלאר, וואס זיי ברענגען אריין אין דער פאמיליע.

אין שטאט זיינען דא איבער 40 סופרים. נאך דער מלחמה, אין די יארן 1919—1925, האבן זיי זייער גוט פארדינט. די ספר-תורה'ס פלעגן אין א גרויסער צאל גיין קיין אמעריקע, און די פרייזן אויף דעם זיינען געווען זייער גוטע. איצט לעבן די סופרים איבער זייער א שווערן קריזיס. די פאדערונג פון אמעריקע אויף ספר-תורה'ס האט זיך פארקלענערט ביז א מינימום. די פרייזן זיינען צוליב דעם שטארק געפאלן. דער מאטעריאל אבער (פארמעט) האט זיך אויפגעהויבן אין פרייז אויף גאנצע 100 פראצענט. אנשטאט, וואס א גוטער סופר פלעגט פריער פארדינען פון דער ארבעט 40—50 דאלאר א חודש, ארבעט ער איצט אויס 12—15 דאלאר א חודש. א געוויינלעכער סופר, וועלכער פלעגט אויך אויסארבעטן 25—30 דאלאר א חודש, פארדינט איצט ניט מער, ווי 8 דאלאר א חודש.

**נאוואגרודאק** ז. זייטן 397—411.

**ניי-ווילייקע** (נאוואווילייסק, נאווא-ווילייקע) ז. זייט 472.

**ניי-סווענציאן** (סווענציאנער קרייז). די אלגעמיינע צאל פון דער באפעלקערונג — 5.000 נפשות, פון זיי ביי 1.000 יידן.

די הויפט-באשעפטיקונג פון די יידן איז קרעמעריי און קליינהאנדל. די קונדשאפט, אויך ביי די יידישע קרעמער, גרעסטנטיילס א קריסטלעכע (באן-ארבעטער און באן-באאמטע). כאטש די באן-ארבעטער און באן-באאמטע, וועלכע זיינען דא אין א גרויסער צאל, האבן זייער אן אייגענעם קאאפעראטיוו, נאר א באדייטנדער טייל פון זיי קויפן אין די יידישע קראמען. דער טעם פון דעם איז א גאנץ פשוטער: ביים יידישן קרעמער נעמט מען סחורה אויף קרעדיט און מען באצאלט ווען מען וויל. די סומעס אבער, וואס מען האט אנגענומען אין קאאפעראטיוו, ווערן אראפגערעכנט ביי יעדער אויסצאלונג פון דער פענסיע. האבן טאקע די יידישע קרעמער גרעסערע אדער קלענערע חובות ביי די באן-ארבעטער, וועלכע ניט נאר, וואס פארקלענערן זיך, נאר וואקסן פון חודש צו חודש. פאלט אויס אין חודש א קריסטלעכער יום-טוב, דאן ווייס שוין דער יידישער קרעמער, אז אין דעם חודש וועט ער פון זיינע קריסטלעכע קונדן קיין מזומנים גראשן ניט באקומען. אזוי איז פאר ניי-יאר, פאר פאסכא און אנדערע קריסטלעכע יום-טובים. דאס פארגרעסערט שטארק דעם מאנגל אין מזומנים ביי די קרעמער. אויסער דעם קאאפעראטיוו פאר די באן-אנגעשטעלטע, ארבעט נאך אין שטעטל א מיליטערישער קאאפעראטיוו און א גרויסע צאל קריסטלעכע



קראמען. אויך זיינען דא קראמען כמעט אין אלע דערפער.

דער מארק קומט פאר 2 מאל אין וואך, דינסטאג און פרייטאג. די מערק זיינען אבער קליינע. א גרויסער טייל פון געגנט, וואס פלעגט פאר דער מלחמה קויפן אין ניי-סווענציאן, איז אפגעשניטן דורכן ליטווישן גרעניץ. בכלל, איז דער געגנט זייער אן ארעמער, א זאמדיקער און וואלדיקער. אפילו אין גוטע יארן האט דער פויער ניט קיין תבואה אדער אנדערע ערד-פראדוקטן צום פארקויפן. אויפן מארק ברענגט ער א וועגל האלץ, א פאר צענדליק אייער, א שטיקל פוטער אדער קעז און זומער-צייט יאגדעס און שוועמלעך. ביי אזא ארעמקייט פון פויער איז זיין קויפמעגלעכקייט, זעלבסטפארשטענדלעך, זייער אן אומבאדייטנדע.

ווי ס'גיבן איבער די היגע קרעמער, פארקויפן זיי סחורה פאר 2—3 פראצענט ריוח פון פרייז, ווען דער פדיון איז פאר מזומן. דאס, וואס מען מוז צאלן אומזאץ-שטייער און די אנדערע הוצאות פון געשעפט ווערן דערביי ניט פארערעכנט. קומט אויס, אז אין דער אמתן לייגט נאך דער קרעמער צו צו אזא מין פדיון. אבער, איז דען דא א ברירה, אז די וועקסלען מוזן געצאלט ווערן צום טערמין, און דא באלד, אין דער צווייטער טיר, לויערט שוין דער שכן, אויך א קרעמער, אויפן קונה, ווייל ער דארף אויך צאלן א וועקסל און נויטיקט זיך אויך אין א מזומנער זלאטע. דער פועל-יוצא פון אזא מסחר איז, וואס אין א יאר אדער צוויי עסט מען אויף דאס ביסל אייגענעם קאפיטאל, וואס מען האט פריינגעלייגט אין קראם, מען פארטרעפט נאך פרעמדע געלט און מען ווערט א „יורד".

צוליב דיזעלביקע סיבות, וואס די קרעמעריי, איז אויך דער היגער קליינהאנדל אן אומבאדייטנדער, און די, וואס פארנעמען זיך מיט אים, געפינען זיך אין א זייער שלעכטן מצב.

גאר שלעכט שטייען דא די בעלי-מלאכות, איבערהויפט שוסטער און שניידער. די בעסטע שוסטער זיינען דא די קריסטלעכע: זיי גרייטן אן און פארקויפן פארטיקע סחורה. דאסזעלבע איז אויך בנוגע די שניידער. די קאנפעקציע-אויספארבעטונגען שטויסן ארויס אינגאנצן די ארטיקע שניידעריי. אלע בעלי-מלאכות זיינען זייער געדריקט. א טייל פון זיי ליידט פשוט הונגער און קעלט.

יידישע קרעמער און קליינהענדלער זיינען דא אן 80 (40 פראצ. פון דער גאנצער יידישער באפעלקערונג), האנטווערקער א 50 (25 פראצ.) פאמיליעס. צווישן די, וואס פארנעמען זיך מיט אנדערע באשעפטיקונגען, זיינען דא ביי א 25 פורמאנעס. זיי פארדינען פון אראפפירן פון באן אין שטעטל און אין דער דערבייאיקער שטאט סווענציאן (13 קמ. ווייט) פארשיידענע סחורות. זייער צאל איז א צו גרויסע אין פארהעלטעניש צו די מעגלעכקייטן, וואס די באשעפטיקונג קען געבן, און זיי זיינען אויך אלע זייער געדריקט.

א טייל בעקערייען ארבעטן דא דערווייל און א טייל איז געשלאסן.

פאר דער מלחמה איז די שטעטל געווען א גרויסער האנדלס-פונקט. דא איז געווען א צענטראלע קאנטאר מיט סקלאדעס פארן מסחר מיט לעבעדיקע ראקעס אויף אויסלאנד, וועלכע האט ארומגענומען פיל גובערניעס פון אמאליקן רוסלאנד. אויך איז דא געווען א צענטראלע קאנטאר פארן מסחר מיט גענז, אויך אויף אויסלאנד. גרויסע געשעפטן פלעגן זיך פירן מיט צענטראל-רוסלאנד און פעטערבורג מיט יאגדעס, פרוכט און





שוועמלעך. ארום זיינען געווען גרויסע וואלד-עסקים. ביי די אלע מסחרים האבן געהאט באשעפטיקונג הונדערטער יידן אלס ארבעטער, אנגעשטעלטע, צושטעלער פון סחורה, עקספעדיטארן א. אז. וו. איצט איז פון אלע מסחרים קיין זכר ניט געבליבן, די שטעטל איז טויט, און אלץ איז אנגעוויזן אויף קרעמעריי און קליינהאנדל, וועלכע זיינען ביים איצטיקן מאמענט אין א צושטאנד פון ירידה.

**ניי-פאהאסט און די קאלאניע בילדיוגי** (בראסלאווער קרייז). אין ניי-פאהאסט געפינען זיך 175 פאמיליעס, פון זיי 50 יידישע.

אין דער יידישער קאלאניע בילדיוגי (5 קילאמעטער ווייט פון ניי-פאהאסט) וואוינען ביי א 50 יידישע פאמיליעס, און אין די ארומיקע דערפער נאך א 25 יידישע פאמיליעס.

די לאגע פון דער יידישער באפעלקערונג אין שטעטל און אין די ארומיקע ישובים איז זייער א שווערע. די גאנצע געגנט האט פאריקן זומער געליטן פון א שרעקלעכער אומגערעטעניש. אלץ, וואס מ'האט פארזייט אויף די פעלדער, איז פארלארן געגאנגען. איינער א ניי-פאהאסטער יידישער איינוואוינער (לויטן פאך א בעקער), וועלכער פארנעמט זיך זומער מיט ערד-ארבעט (האלט אין ארענדע 7 דעסיאטין ערד, וועלכע ער מיט זיין פאמיליע באארבעטן אליין מיט די אייגענע הענט), האט אין פאריקן זומער פארזעצט אויף זיין פעלד 20 לייף (60 פוד) קארטאפל, און האט ניט ארויסבעקומען אפילו קיין איין פוד ניט.

די לאגע פון די יידישע ערד-ארבעטער (אין בילדיוגי אליין זיינען דא 30 יידישע לאנדווירטן, וועלכע האבן 300 דעסיאטין ערד), צוזאמען ביי א 40 פאמיליעס, איז ניט קיין בעסערע, ווי די פויערישע, און זיי ליידן און הונגערן צוגלייך מיט דער גאנצער דארפישער באפעלקערונג פון דעם געגנט.

אויסער די ארטיקע יידישע 15 קרעמער, פלעגן נאך 8 בילדיוגער איינוואוינער שטיין אויפן ניי-פאהאסטער מארק מיט טישלעך סחורה. איצט איז פון די 8 געבליבן נאר 2. די איבעריקע 6 האבן פארצערט זייער אייגענעם קליינעם קאפיטאל און אויך דאס ביסל פרעמדע סחורה, וועלכע זיי האבן באקומען אויף קרעדיט. דער מארק קומט דא פאר איינמאל אין וואך, אלע דאנערשטאג. די מערק זיינען ניט קיין גרויסע. דער פויער האט ניט וואס צו פארקויפן, און האט דעריבער אויך ניט קיין געלט מיט וואס צו קויפן. ניט געקוקט אויף דעם קומען אן אויפן מארק פרעמדע קרעמער און בעקער (יידן און קריסטן). אין שטעטל ארבעטן, אויסערדעם, א קריסטלעכער קאאפעראטיוו און 3 פריוואטע קריסטלעכע קראמען. קריסטלעכע קראמען זיינען דא אויך אין די דערפער.

יידישע האנטווערקער זיינען דא אין שטעטל א 20. זייער לאגע איז א שרעקלעכע. די קריסטלעכע בעלי-מלאכות אין שטעטל (זייער צאל איז דא א גרעסערע, ווי די יידישע) און אין דערפער געפינען זיך אין עטוואס א בעסערן מצב פון די יידישע, ווייל זיי לעבן ניט אויסשליסלעך פון זייער פאך.

די קליינהענדלער לעבן איצט אויך איבער זייער א שווערן קריזיס. קיין מסחר מיט פלאקס און תבואה איז צוליב אומגערעטעניש לגמרי ניטא. פיל, און ניט נאר קליינהענדלער, נאר אויך קרעמער, האבן זיך גענומען, ווייל עס איז ניטא קיין אנדער מסחר, מיט וואס צו פארנעמען זיך, צו קצבות. די פלייש פירט מען פארקויפן אין די

ארומיקע שטעט און שטעטלעך. אבער אויך דער מסחר גיט היינטיקס יאר ניט קיין ריוח. ביי די פויערים זיינען א גרויסע צאל קי, צוליב די שרעקלעכע פרעסט און שלעכטע דערנערונג, געפאלן אויף די פיס. אזעלכע קי פארקויפט מען פאר די פעל אליין. אויסערדעם, געטריבן דורך דער נויט און הונגער, מוזן די פויערים אלץ מער און מער אויספארקויפן זייער פי, כדי צו קענען ווי עס איז צו דערהאלטן די נשמה. קי זיינען דעריבער זייער ביליק, און דער מסחר מיט פלייש טויג אינגאנצן ניט.

אין אלגעמיין איז די לאגע דא א קאטאסטראפאלע. מענטשן, וועלכע זיינען נאך מיט א האלב יאר צוריק געוועזן תקיף, זיינען איצטער יורדים אין פולן זין פון ווארט.

**סאל** (אשמענער קרייז). די אלגעמיינע צאל פון דער באפעלקערונג בערך 250 פאמיליעס, פון דעם 130 יידישע.

די עקאנאמישע לאגע איז זייער א שווערע. דער קריסטלעכער קאאפעראטיוו זעצט ארונטער די קרעמער. ער שרייבט אויס סחורות וואגאנענווייז און עס מאכט אים אויס ביליקער, ווי די יידישע קרעמער. די קרעמער טראגן זיך ארום מיטן געדאנק צו פאראייניקן זיך אין איין ספולקע, אום צו קענען שאפן גרעסערע פארטיעס סחורה, איבערהויפט זאלץ, נאפט א. א. איצט פארקויפן זיי אט די אלע סחורות אן פרנסה צוליב דער קאנקורענץ מצד דעם קריסטלעכן קאאפעראטיוו. די האנטווערקער האבן ווייניק ארבעט צוליב דעם, וואס אין אלע דערפער האבן געעפנט ווארשטאטן קריסטלעכע האנטווערקער. דער מארק אין שטעטל איז א קליינער, און אויף אים פארן אן הענדלער יידן און קריסטן מיט כל המינים סחורות, אפילו מאנופאקטור, פון די ארומיקע ערטער (סמארגאן, אשמענע, מאלאדעטשנע) און זאגאר פון ווילנע.

**סוויר** (סוויענציאנער קרייז). די אלגעמיינע צאל פון דער באפעלקערונג איז 1.900 נפשות, פון זיי 1.100 יידן.

די הויפט-באשעפטיקונג פון די יידן—קרעמעריי און קליינהאנדל. סיי די קרעמער און סיי די קליינהענדלער שטייען זייער ניט גוט. אין שטעטל איז דא אן איבערפלוס פון קראמען. דער פדיון איז א שוואכער. די שטייערן דריקן זייער שטארק. דער מארק קומט פאר איינמאל אין וואך, אלע דאנערשטאג. אויפן מארק פארן אן א מאסע קרעמער (ס'רוב קריסטן) און אויך בעקער. זיי ברענגען שניט, גאלאנטעריי, טאנדעט, באקאליי, זאגאר הערינג. די אנגעפארענע קרעמער, צוליב די ביליקע קאנקורענץ-פרייזן (זייערע סחורות זיינען געוויינלעך פון דער געמיינסטער קוואליטעט, דעריבער קענען זיי אלץ פארקויפן צו ביליקע פרייזן), גראבן ממש אונטער די עקזיסטענץ פון די ארטיקע קרעמער. צוליב אט דער דאזיקער קאנקורענץ, שוואכן פדיון און גרויסע שטייערן — האבן זיך אנהויב פון היינטיקן יאר און אויך אין מיטן פון פאריקן יאר געשלאסן יידישע קראמען.— צוליב דער אומגערעטעניש איז היינטיקס יאר אונטערגעגאנגען דער תבואה-האנדל. דער געגנט דא איז אין א געוויינלעכן יאר רייך מיט תבואה, וועלכע איז אויך כמעט דער איינציקער און וויכטיקסטער קעגנשטאנד פון קליינהאנדל. היינטיקס יאר האט דער פויער ניט וואס צו פארקויפן, און קוים וואס ער לעבט זיך אליין דורך. מ'האט איבערגעגעבן פאקטן, אז פויערים רייסן אראפ שטרויענע דעכער פון זייערע בנינים, שניידן שטרוי אויף „סיעטשקע" און פיטערן מיט דעם די פי. ניט נאר אויף קערנער איז דעם פאריקן זומער געווען א שטארקע אומגערעטעניש, נאר אפילו די שטרוי פון די זאנגען זיינען אויף די פעלדער צעפוילט געווארן. די יידישע קליינהענדלער זיינען צוליבן אונטערגאנג פון תבואה-מסחר שרעקלעך געדריקט.

די אומגערעטעניש האט זיך אפגערופן אויך אויף די פארדינסטן פון די קאראבעלניקעס (דארפס-הענדלער) וועלכע זיינען דא אין א באדייטנדער צאל. זיי זיינען אלע איצט גרויסע ארעמעלייט. עס איז דערביי אינטערעסאנט צו באמערקן, אז צו באקומען א פאטענט אויף צו פירן א האנדל אין דארף איז ניט פון די לייכטע זאכן. מען מוז פריער האבן אן ערלויבעניש אויף דעם פון סטאראסטע, וועלכע ווידער מ'קען באקומען נאר אין דעם פאל, ווען מ'שטעלט צו א צייגעניש פון דער ארטיקער מאכט וועגן דער ערנסטלעכקייט און גוטער אויפפירונג.

די האנטווערקער זיינען גרעסטנטיילס ארבעטסלאז און ארעם. עס זיינען דא אין שטעטל פיל קריסטלעכע ארבעטער פון אלע פאכן. קיין יידישע סטאליארעס און „טשעסליארעס" זיינען אין שטעטל ניטא. — 75 פראצ. פון דער יידישער באפעלקערונג פון שטעטל באקומט גרעסערע אדער קלענערע סומעס אלס אונטערשטיצונגען פון פריינד און קרובים אין אמעריקע. דאס האלט ממש אויף די שטעטל, אז עס זאל נאך קענען ווי עס איז לעבן.

**סווענציאן** (ווילנער וואיעוו.). די אלגעמיינע צאל פון דער באפעלקערונג — 6.000 נפשות, פון זיי 2.900 יידישע.

די הויפט-באשעפטיקונג — קרעמעריי, קליינהאנדל און האנטווערקעריי. עס זיינען דא אין שטאט ביי א 200 קרעמער און קליינהענדלער און איבער 150 האנטווערקער.

די אלע 3 אנגערופענע הויפט-באשעפטיקונגען פון דער יידישער באפעלקערונג שטייען זייער שלעכט. דער קאנט האט 2 יאר נאכאנאנד, אין 1927 און 1928 יאר, געליטן פון אן אומגערעטעניש. דער פויער איז זייער פארארעמט, און זיינע קויפס-מעגלעכקייטן זיינען ניטיקע. אויסערדעם ווערן דא די מערק, וועלכע קומען פאר אלע מיטוואך, אלץ קלענער, ווייל זיי ווערן אפגעצויגן פון די ארומיקע שטעטלעך, אין וועלכע עס האבן זיך געעפנט מערק. א טייל געגנט, וועלכער האט פאר דער מלחמה אלץ געקויפט און פארקויפט אין סווענציאן, איז איצט אפגעשלאסן דורך דער ליטווישער גרעניץ. אין די ארומיקע דערפער זיינען דא קראמען. אבער איבערהויפט ווערט אפגעצויגן דער פדיון פון די יידישע קראמען דורך דעם גרויסן און רייכן קריסטלעכן קאאפעראטיוו. דער קאאפעראטיוו ווערט געשטיצט פון סיימיק, וועלכער גיט אים ארויס גרויסע הלוואות אויף 6 פראצ. יערלעך. די יידישע קרעמער קויפן אליין אין קאאפעראטיוו זאלץ און צוקער. דער קאאפעראטיוו קויפט אויך איין תבואה, זוימען און פלאקס, און פירט מיט דעם זייער א גרויסן מסחר. קריסטלעכע קראמען זיינען דא אין שטאט א 5 פראצענט פון דער אלגעמיינער צאל קראמען. זיי שטייען אלע גוט. אויף די מערק פארן אן פיל פרעמדע קרעמער מיט גאלאנטעריי, מאנופאקטור, לעדער, פארטיקע זאכן און שיך א. אז. וו. פיל ארטיקע קרעמער, צוליב דער קאנקורענץ פון די אנגעפארענע פרעמדע קרעמער, טראגן ארויס זייער סחורה אין מארק-טאג פון קראם אין מארק אריין, וואו זיי לייגן עס אויס אויף טישלעך. זייערע קראמען אויף דעם טאג שליסן זיי אינגאנצן. א טייל גאלאנטעריי- און מאנופאקטור-קרעמער פון סווענציאן האבן אנגעהויבן צוליב דעם, וואס זיי לייזן גאר ניט אויף אן ארט, ארומצופירן זייער סחורה אויף די מערק אין די ארומיקע שטעטלעך. בכלל, איז אין שטאט א גרויסער איבערפלוס פון קראמען. די צאל פון די מאנופאקטור-קראמען איז איצט אין 3 מאל גרעסער, ווי פאר דער מלחמה. דער מעמד פון די קרעמער און קליינהענדלער איז צוליב די אלע אויסגערעכנטע סיבות זייער א טרויעריקער.

צוליב דער אומגערעטעניש שטייען אויך זייער שלעכט די בעלי-מלאכות — שוסטער, שניידער, שמידן און בוי-ארבעטער, ווייל דער פויער גיט זייער ווייניק ארבעט. אין שטאט זיינען פאראן פיל קריסטלעכע שוסטער, וועלכע ארבעטן זייער גרויס. איינער א קריסטלעכער שוסטער פירט א ווארשטאט מיט 30 ארבעטער. די פארטיקע סחורה פארקויפט ער און די אנדערע קריסטלעכע שוסטער אויף די מערק אין סווענציאן און אין די ארומיקע שטעטלעך. די יידישע שוסטער האבן ניט קיין אויסלייג אויף אוועקצושטעלן אויף אזא אופן זייער פאך. זיי זיינען דעריבער זייער ארעם. אויסער שוסטער זיינען דא אין שטאט פיל קריסטלעכע בעלי-מלאכות אויך פון אנדערע פאכן. אויך זיינען דא בעלי-מלאכות פון אלע פאכן אין די דערפער.

אין שטאט איז דא א פאבריקאציע פון וואליקעס, וועלכע ליגט אין יידישע הענט, ד. ה. די ווערט אנגעפירט דורך יידן. די ארבעטער פון דעם זיינען אבער אויסשליסלעך קריסטן, „פאניעס". די ארבעט פאדערט א ספעציעלע צוגרייטונג, און די „פאניעס" ווילן עס ניט אויסלערנען א פרעמדן גערן. ביי דער פאבריקאציע זיינען באשעפטיקט מער ווי 100 ארבעטער, וועלכע פארדינען זייער גוט.

א טייל פון די בעקערייען מאכן איצט רעמאנטן, און א טייל ארבעט דערווייל אזוי. זיי וועלן אבער אינגיכן אויף זיכער געשלאסן ווערן. דער סיימיק פראיעקטירט איינצוארדענען א מעכאנישע בעקעריי אין שטאט. אויב דאס וועט פארווירקלעכט ווערן, וועט ער אונטעררייסן די עקזיסטענץ פון א גרויסער צאל יידישער משפחות.

אין שטאט איז דא א גרויסע ארעמקייט, וועלכע ווערט אונטערגעשטיצט פון דער ארטיקער וואוילטעטיקער חברה „סומך-נופלים", וועלכע גיט ארויס ברויט, האלץ און שטיצט אין אנדערע פארמען. די חברה שטיצט פיל צענדליקער פאמיליעס.

**סווערזשען** (ניי-סווערזשען, סטויבצער קרייז). די אלגעמיינע צאל פון דער שטעטלשער באפעלקערונג — איבער 300 פאמיליעס, פון זיי 90 יידישע.

די הויפט-באשעפטיקונג פון די יידן — גערטנעריי, עס פארנעמען זיך דערמיט א 30 יידישע פאמיליעס. זיי האבן אלע צוזאמען א 40 מארג אייגענע ערד. יעדע פאמיליע ארענדירט נאך צו א 3—4 מארג ביים פריץ אדער ביי די שטעטלשע קריסטן. ארענדע-פרייז פאר 1 מארג באמיסטיקטע און צעאקערטע פעלד פון 80 ביז 100 רובל*), לויט דער קוואליטעט פון דער ערד. די הויפט-זריעה — אוגערקעס. דער אפזאץ-מארק — דער גאנצער קאנט ביז ווילאזשין (איבער 50 קילאמעטער ווייט). גרויסע קוואנטומס אוגערקעס נעמען אין די שטעטלעך האראדיי, ליאכאוויטש, וואו זיי ווערן איינגעזייערט אין פעסלעך, וועלכע ווערן אראפגעלאזן אין וואסער און שטייען דארט, ביז דער אייז עפנט זיך און אנהויב פרילינג. די שטעטלשע גערטנערייער מאכן אויך אוגערקעס-נאסעניע („מאנאסטיר") צום פארקויפן.

*) אין די געגנטן ווערט נאך אלץ גערעכנט אויפן רוסישן גאלד-רובל.

קרעמער און האנטווערקער שטייען דא אין זייער א שלעכטן מצב מחמת דעם, וואס עס האבן זיך אפגעפירט די מערק צוליב דער נאענטקייט פון סטאלפצי (4 קילאמעטער ווייט), וואו די פויערים פארקויפן זייערע ארטיקלען טייערער, ווי אין סווערזשען, און קויפן אלע סחורות ביליקער.

די פעריזשנען, וואס זיינען פאר דער מלחמה געווען קאראבעלניקעס און האבן דערפון געלעבט, האבן געמוזט לאזן דעם געשעפט. אין דער מעריים פון די ארומיקע דערפער, צוליב זייער נאענטקייט פון גרעניץ, איז פארבאטן איצט ארייננצופארן.

## סטאָלפּצי (סטויבץ, נאוואגר. וואיעוו.).

די באפעלקערונג פון שטאט ציילט א 1.000 פאמיליעס, פון וועלכע אומגעפער 400 זיינען יידישע.

די הויפט-באשעפטיקונג פון די יידן איז קרעמעריי. עס זיינען דא פיל פוילישע קראמען, כמעט די זעלבע צאל, וויפל יידישע. אויסערדעם ארבעטן איניקע גרויסע קריסטלעכע קאאפעראטיוון. די פרנסה פון קרעמעריי איז דעריבער דא זייער א געשלאגענע. וואס איז נוגע די האנטווערקער, זיינען די בעסטע שוסטער אין שטאט קריסטן און צו זיי גייט אוועק די בעסטע ארבעט. ביי די שניידער האבן אפגענומען די ארבעט די פיל סאנדעטנע קראמען, וואס געפינען זיך דא. ביי א 30 יידן פארנעמען זיך מיט שווארצע ארבעט, ביים אנלאדעווען געהילץ אויף דער ליניע, אויך אין טארטאק.

בעקערייען זיינען דא געשלאסן געווארן 5. די איבעריקע האבן דורכגעפירט זייער גרויסע רעמאנט, וואס האט זיי אפגעקאסט פיל געלט.

## סמאָרגאָן (אשמענער קרייז).

די אלגעמיינע צאל פון דער באפעלקערונג איז 5.000 נפשות, פון זיי 2.500 יידן.

פארן קריג האט די צאל איינוואוינער אין שטאט דערגרייכט איבער 20.000, און דא איז געווען א גרויסער צענטער פון דער לעדער-פאבריקאציע. 40 גרויסע פאבריקן, פון זיי 30 יידישע, האבן זיך פארנומען מיט לעדער-אויסארבעטונגען. זיי האבן באשעפטיקט איבער 3.000 ארבעטער, פון וועלכע 75 פראצענט זיינען געווען יידן. די מייסטערס און די ספעציעלערע ארבעטער זיינען אמייסטן געווען יידן. אויסערדעם, האבן אין שטאט געארבעט 20 יידישע וואלקארניעס (פאבריקלעך, וועלכע ברייגן אויס דעם לעדער) און 20 גרויסע שטעפעריי-ווארשטאטן, אויך אלע יידישע. אין די וואלקארניעס און שטעפערייען פלעגט מען ברענגען ארבעט פון פיל אנדערע שטעט, וואו עס איז געווען אנטוויקלט די לעדער-אויסארבעטונג (פון קרינאק, סאקאלקי, ביאליסטאק און פון א ריי פוילישע שטעט). די פעל צו דער ארבעט פלעגט מען ברענגען פון אוקראינע און צענטראל-רוסלאנד, און די פארטיקע סחורה פלעגט צוריק אפגעשיקט ווערן אין רוסלאנד. ס'פלעגן קומען לעדער-סוחרים פון דער גאנצער רוסישער מדינה. אויסער דעם גרויסן טייל פון דער באפעלקערונג, וואס האט אומדירעקט געלעבט און פארדינט פון דער לעדער-פאבריקאציע, האבן גרויס פון גענאסן אויך די קרעמער, האטעל-אייגנטימער, קאמיסיאנערן, פורמאנעס א. א.

די מלחמה האט אינגאנצן חרוב געמאכט די ארטיקע לעדער-פאבריקאציע, און נאך דער מלחמה האבן געפעלט די באדינגונגען, וועלכע וואלטן געקאנט מעגלעך מאכן איר אויפריכטונג. און די וויכטיקסטע פון אט די באדינגונגען איז די, וואס עס איז פארלארן געגאנגען דער אפזאץ-מארק



(רוסלאנד) פאר די סמארגאנער לעדער-אויסארבעטונגען.

איצט זיינען די הויפט-באשעפטיקונגען פון די סמארגאנער יידן קרעמעריי און קליינהאנדל.

אין שטאט איז פאראן 150 קרעמער, פון זיי 10 קריסטלעכע, און ביי א 100 קליינהענדלער. עס פילט זיך א גרויסער איבערפלוס אין קראמען. פאר דער מלחמה, ביי א 4-פאכיקער באפעלקערונג און ווען אין שטאט האט געהערשט א גרויסע באוועגונג און אויפלעבונג, איז די צאל קראמען געווען די זעלביקע, ווי איצט. עס קומען דא פאר 2 מערק אין וואך: מיטוואך, דער הויפט-מארק, און פרייטאג, א קלענערער מארק. ס'קומען אויף די מערק פרעמדע קרעמער, דערהויפט מיט שנים. דער ארטיקער פוילישער קאאפעראטיוו ארבעט שוואך.

גרעסערע יידישע סוחרים, וועלכע האנדלען זעלבשטענדיק, זיינען דא נאר 5 (2 פלאקססוחרים און 3 תבואה-סוחרים). די איבעריקע הענדלער מיט די ארטיקלען ארבעטן פאר פרעמדע פירמעס אדער פאר די היגע גרעסערע סוחרים. אויסער תבואה און פלאקס קומט דא נאך פאר א האנדל מיט חזיר-האר, פעלכלעך א. א. עס איז דא אן איבערפלוס אין קליינהענדלער, וועלכע איז גורם דערצו, אז די פרנסה פון קליינהאנדל איז א נישטיקע. א טייל פון די קליינהענדלער זיינען ממש קבצנים.

יידישע בעלי-מלאכות איז אין שטאט פאראן ביי א 50. שוסטער און בוי-ארבעטער שטייען זייער שלעכט. עס איז דא ווייניק ארבעט ביי די שוסטער, צוליב דעם גרויסן אפגאנג פון די פארטיקע שיכווארג. ביי די יידישע לעדער-קרעמער זיצן קריסטלעכע שוסטער (ווייל זיי נעמען ביליקער, ווי די יידישע) און גרייטן צו כסדר פארטיקע סחורה, וועלכע ווערט נאכדעם פארקויפט אין די קראמען. אויסערדעם, זיינען דא פיל שוסטער, וועלכע ארבעטן פריוואט, אין שטאט און אין די ארומיקע דערפער. אויך די יידישע בוי-ארבעטער האבן אויסצושטיין א שטארקע קאנקורענץ מצד די שטאטישע און דארפישע קריסטלעכע בוי-ארבעטער. א ביסל בעסער איז די לאגע פון די ארטיקע יידישע שניידער.

## פּאָדבערעזיע (ווילנער קרייז).

די אלגעמיינע צאל פון דער באפעלקערונג איז 100 פאמיליעס, פון זיי 35 יידישע.

די הויפט-באשעפטיקונגען פון די יידן זיינען קרעמעריי, קליינהאנדל, האנטווערקעריי און ערדארבעט.

18 יידישע פאמיליעס האבן אייגענע ערדנחלאות, וועלכע בילדן צוזאמען א שטח פון 80 העקטאר. די 18 פאמיליעס באארבעטן זייער באדן אליין, מיט די אייגענע הענט. דער באדן איז א גוטער, מ'זייט אלע תבואות און אויך ווייץ. די געוויינלעכע געראטענקייט איז 8—10 מאל. נאר ווייל יעדע פאמיליע האט א קליינע נחלה, קען מען פון דער לאנדווירטשאפט אליין ניט לעבן, און מ'פארנעמט זיך מיט נאך א זייטיקער באשעפטיקונג.

אין שטעטל זיינען דא 17 יידישע און 2 קריסטלעכע קרעמער. אויסערדעם, ארבעט אין שטעטל א קריסטלעכער קאאפעראטיוו, וועלכן עס האבן געגרינדעט א גרופע ארטיקע גוטסבאזיצער. אין קאאפעראטיוו פארקויפט זיך באקאליי, גאלאנטעריי און אייזן. עס ווערט געפירט א שטארקע אגיטאציע לטובת דעם קאאפעראטיוו, און ער לייזט זייער גוט. ביי די מלוכהשע פאלקס-שולן אין גאנצן היגן געגנט זיינען איינגעארדנט שול-קאאפעראטיוון





וואו די שילער זיינען מחויב צו קויפן אלץ, וואס זיי איז נייטיק פארן למוד: לערן-ביכער, שרייבמאטעריאלן, פארשיידענע מאטעריאלן פאר דער האנט-ארבעט. אז זיי קויפן עס ערגעץ אנדערשוואו — נעמט מען ביי דאס געקויפטע אפצוטראגן צוריק. ביי דער גמינע עקסיסטירט א לאנדווירטשאפטלעכע געזעלשאפט, וועלכע פארנעמט זיך מיטן פארקויף פון טומער-זאמען, קאנישינע און אלערליי זריעות. דער מארק קומט פאר איינמאל אין וואך. דער צופאר צום מארק איז א באגרעניצטער, ווייל א שטיק געגנט איז אפגעשניטן דורך דער ליטווישער גרעניץ, וועלכע ציט זיך אין א מרחק פון 6—8 קילאמעטער פון שטעטל. אויפן מארק פארן אן א מאסע פרעמדע קרעמער און בעקער (ס'רוב יידן). זיי ברענגען: שנים, לעדער, סאנדעס, שיכווארג, גאלאנטעריי, באקאליי, אפילו הערינג, אייל, פאיאנס, גלאזווארג א. אז. וו. זיי לייזן געשמאק. זייערע סחורות זיינען עפ"י רוב פון א שלעכטער קוואליטעט, אבער דער קונה קלייבט זיך אין דעם ניט פונאנדער, אים ציען צו די ביליקערע פרייזן. צוליב די אלע דערמאנטע סיבות, איז די לאגע פון ארטיקן קרעמער א טרויעריקע.

דער קליינהאנדל איז דא א נישטיקער. די קליינהענדלער טראגן אדער פירן זייער ביסל סחורה אין דארף, וואו זיי בייטן עס אויף קאדער, חזיר-האר, פעלכלעך א. אז. וו. די סחורה, וואס די קליינהענדלער טראגן אין דארף, באשטייט פון א ביסל גאלאנטעריי, הערינג, זייף, זאלץ, ליכט א. א. זיי זיינען אלע זייער געדריקט.

די בעלי-מלאכות (אין א צאל פון 22) זיינען זייער ארעם, דערהויפט די שוסטער. די שוסטער זיינען געווארן מיליארעס. זיי פארנעמען זיך מיט ווייסן די הייזער. נאר „פון פיל מלאכות האט מען קדחות".

אין די ארומיקע דערפער זיינען פאראן 9 קרעמער. אין שטעטל און אין די דערפער זיינען דא קריסטלעכע בעלי-מלאכות. דער ארטיקער קסיאנדז האט איינגעארדנט א ווארשטאט צו לערנען קריסטלעכע מיידלעך נייען און האפטן. אינסטרוקטארן האט ער געבראכט פון ווילנע.

איצט איז ארויס א פארארדנונג פון דער מאכט דורכצופירן גרויסע רעמאנטן: פארבן די פענסטער, קאלכן די ווענט, צעמענטירן די קלאזעטן און ברינימער, איזאלירן די קראמען פון די וואוינונגען, פאקאסטירן די פאליצעס א. אז. וו. די באפעלקערונג איז ממש אין יאוש, ווייל עס זיינען אבסאלוט ניטא די נייטיקע מיטלען דערצו.

## פּאָדבראָדז (סווענציאנער קרייז).

די אלגעמיינע צאל פון דער באפעלקערונג — 3.000 נפשות, פון זיי בין 900 יידן.

די הויפט-באשעפטיקונגען — קרעמעריי, קליינהאנדל און האנטווערקעריי (קרעמער און קליינהענדלער איבער 40 פראצ., האנטווערקער ביי א 30 פראצ. פון דער גאנצער יידישער באפעלקערונג).

די לאגע פון די קרעמער און קליינהענדלער איז זייער א שווערע. דער מארק, וועלכער קומט פאר מאנטאג, האט זיך פארקלענערט אין פארגלייך מיט די פריערדיקע יארן צוליב דעם, וואס אין אלע ארומיקע קליינע שטעטלעך האבן זיך געעפנט מערק. אויף די מערק פארן אן פיל פרעמדע קרעמער, איבערהויפט קריסטלעכע, מיט כלערליי סחורות. איינער א קריסט ברענגט אפילו אויפן מארק מעדיקאמענטן (פאטענטירטע מעדיצינישע ארטיקלען). איבערהויפט אבער ציט אפ דעם פריין פון די יידישע קראמען דער גרויסער קריסט-

לעבער קאאפעראטיוו „ראלניק". ער פארקויפט סחורות אויפן הורט און אויפן איינצל. די הויפט־ארטיקלען, מיט וועלכע ער האנדלט אין זייער א גרויסן מאסשטאב, איז באקאליי און אייזן. די קריסטלעכע באפעלקערונג איז צוזאמענגעבונדן מיטן קאאפעראטיוו ארום דער קאאפעראטיווער קריסטלעכער באנק. די לעצטע האט איבער 1.000 מיטגלידער. אויסערן פאי אין באנק, מוז נאך יעדער מיטגליד אריינטראגן א פאי פון 50 זל. פארן קאאפעראטיוו, אין וועלכן ער איז פארפליכטעט צו קויפן אלץ, וואס ער ברויכט. עס ווערט געפירט אן אגיטאציע, אז מען זאל קויפן אין קאאפעראטיוו, און דער קאאפעראטיוו בארגט זיינע קונדן סחורה אויף וועקסלען, וועלכע ווערן נאכדעם געצאלט אין באנק. אויסערדעם, זיינען דא אין די דערפער קאאפעראטיוון און פריוואטע קריסטלעכע קראמען. ווען מען גיט נאך צו צו דעם, אז דער קאנט ארום איז א זאמדיקער און ארעמער און די קויפס־מעגלעכקייטן פון פויער זיינען זייער באגרענעצטע, קען מען שוין פארשטיין, וואס פאר א לעבן עס קענען מאכן די יידישע קרעמער, און וועלכע עס פילט זיך א גרויסער איבערפלוס. 80 פראצ. פון די קרעמער האבן כמעט דעריבער זייער א קליינעם אריינטראג פון די קראמען. די דורכשניטלעכע פרנסה פון א קרעמער איז 25—30 זל. א וואך (ביי א פדיון פון 200—300 זל.). פון דעם דארף מען נאך צאלן שטייערן. און אזוי ווי די שטייערן־לאסט איז דא זייער א שווערע, קומט אויס, אז די ריינע הכנסה פון א קראם איז דורכשניטלעך ניט מער, ווי 15—20 זל. א וואך.

דער קליינהאנדל איז א נישטיקער. צוליב דער ארעמקייט פון קאנט האט דער פויער, אפילו אין א גוטן יאר, ווייניק וואס צו פארקויפן פון זיינע ערד־פראדוקטן.

די בעל־מלאכות שטייען אויך שלעכט צוליב די זעלבע סיבות, וואס דער קליינהאנדל. אויסערדעם, זיינען אין אלע דערפער דא קריסטלעכע שמידן, שוסטער און שניידער. שמידעריי און שוסטעריי זיינען אינגאנצן אריבער אין קריסטלעכע הענט. די יידישע שמידן און שוסטער זיינען זייער פארארעמט. שניידער און שוסטער פארלירן אויסערדעם די ארבעט צוליב די פארטיקע בגדים און שיך. די דורכשניטלעכע וועכנטלעכע פרנסה פון א בעל־מלאכה איז נאך קלענער פון א קרעמערשער, ארום 15 זל. א וואך.

מ'לעבט אין דחקות. א גרויסער טייל האבן גערטנער. קי האבן נאר א קליינע צאל יידן. פלייש און מילכיקס באנוצט דער ארעמערער טייל פון דער יידישער באפעלקערונג כמעט אינגאנצן ניט. מ'שפייזט זיך מיט ברויט און קארטאפל. פארבראדז איז אן ארט פאר זומער־וואוינונגען אדאנק דעם פראכטפולן וואלד און גוטער לופט. און זומער־צייט, אין דעם דאטשע־סעזאן, ווערט טאקע די לאגע אין שטעטל פיל בעסער. עס פארן אן אהער א 2—3 הונדערט דאטשניקעס. א האלבע שטעטל, דערהויפט די פרויען, פארדינען פון צושטעלן די דאטשניקעס פוטער, קעז, אייער און הינער. אויך אין די קראמען פילט זיך דער דאטשע־סעזאן. עס ווערט לעבעדיקער דער פדיון. א ביסל אויפלעבונג טראגט דעמאלט אריין אין שטעטל אויך דאס מיליטער, וואס שטייט דא דאן. מ'לייזט אויך א ביסל פון די סאלדאטן, כאטש זיי האבן זייערע אייגענע מיליטערישע קאאפעראטיוון.

א גרויסע פארלייכטערונג אין דער לאגע ברענגט אריין די אמעריקאנער שטיצע פון קרובים און פריינט, וועלכע עס באקומט כמעט א העלפט



פון דער יידישער באפעלקערונג פון שטעטל. אלע בעקערייען ארבעטן פארלויפיק. זיי האבן זיך אבער מתחייב געווען דורכצופירן גרויסע רעמאנטן.

**פאלאנקע** (בראנאוויטשער קרייז). די אלגעמיינע צאל פון דער באפעלקערונג — 100 פאמיליעס, פון זיי א העלפט יידישע.

די הויפט־באשעפטיקונג פון די יידן איז האנטווערקעריי. 25 פראצענט פון דער גאנצער יידישער באפעלקערונג לעבט פון שוסטעריי (עס זיינען דא 12 שוסטער). שניידער זיינען דא מער ניט, ווי 3. די פויערישע באפעלקערונג פלעגט ווינטער־צייט זייער גוט פארדינען פון וואלד־ארבעט און דערהויפט פון „וואזקע" פון דעם געהילץ צום באן און צו די טארטאקעס. די שוסטער פלעגן דאן האבן א שפע פון ארבעט. אויך פלעגן די שניידער האבן ארבעט. היינטיקס יאר איז א פולשטענדיקער שטילשטאנד אין דעם וואלד־מסחר. צוליב דעם איז טויט די גאנצע שטעטל. עס זיצן ליידיק די בעלי־מלאכות, עס לייזן ניט די קרעמער. דאס ביסל ארבעט, וואס פאלט שוין יא אריין צו די בעלי־מלאכות, און דאס ביסל פדיון, וואס די קרעמער האבן, איז אלץ אויף בארג.

דירעקט פון קריזיס אין וואלד־מסחר זיינען געטראפן די 10 „וואזשאקעס"־יידן (20 פראצענט פון דער גאנצער יידישער באפעלקערונג אין שטעטל), וועלכע האבן ניט וואס צו טאן מיט זייערע פערד און מוזן זיי נאך „קארמענען". זיי זיינען אלע זייער ארעם.

יידישע קרעמער זיינען דא 8. קרעמעריי אליין גיט ניט קיין חיונה און זי איז פארבונדן מיט נאך א זייטיקער באשעפטיקונג (בעקעריי, קליינהאנדל). קיין מערק קומען אין שטעטל ניט פאר. אין שטעטל זיינען דא 3 קריסטלעכע קראמען, וועלכע לייזן זייער גוט. אויסערדעם, זיינען כמעט אין אלע ארומיקע דערפער דא קריסטלעכע קראמען.

אין די דערפער זיינען אויך דא קריסטלעכע שוסטער, שניידער און שמידן.

אפענע בעקערייען זיינען אין שטעטל ניטא. מ'באקט צו ביסלעך אין פיל הייזער. די בעקעריי דינט אלס קליינע צוגאב־פרנסה צו אן אנדער באשעפטיקונג

א גרויסער טייל פון דער יידישער באפעלקערונג האבן בהמות און ניט קיין גרויסע גערטנער. זומער עסט מען מילכיקס.

**פאסטאוו** (ווילנער וואיעוו.). די אלגעמיינע צאל פון דער באפעלקערונג ביי א 3.000 נפשות, פון דעם יידן 1.000 נפשות.

די הויפט־באשעפטיקונג — קרעמעריי און קליינהאנדל.

די קרעמעריי שטייט דא זייער שלעכט. עס ארבעטן אין שטאט 2 קריסטלעכע קאאפעראטיוון, איינער א פוילישער און דער צווייטער א ווייסרוסישער.

דער פוילישער קאאפעראטיוו אונטערן נאמען „וויגאדא", וועלכער ווערט געשטיצט פון סיימיק און פון דער באנק „גאספאדארסטווא קראיאווע", פארנעמט א גרויסן געמויערטן בנין אין רעכטן צענטער פון שטאט (אין מארק). דער קאאפעראטיוו איז זייער שיין אויסגעשטעלט. ער האט אויף זיין לאגער אלערליי סחורות, אויסער שניט און לעדער. אויך האט ער איינגעפירט אייזן־ארטיקלען און לאנדווירטשאפטלעכע מאשינעס. צו דער אפטיילונג פון די לאנדווירטשאפטלעכע מאשינעס האט ער אראפגעבראכט א ספעציעלן פארוואלטער פון ווילנע. ער גיט די לאנדווירטן אלע





זיי נויטיקע צו דער ערד־ארבעט מאשינעס אין קרעדיט אויף א יאר צייט. דער קאאפעראטיוו האט דורכדעם אונטערגעשלאגן די פרנסה פון 2 יידישע קרעמער, וועלכע האבן פארקויפט ספעציעל נאר לאנדווירטשאפטלעכע מאשינעס און האבן געמאכט פון דעם א פיינעם לעבן. אויך דער מסחר מיט די סופער־פאספאטן איז געלעגן אין יידישע הענט. איצט איז ער איבערגעגאנגען צו די קאאפעראציון און צו די פארוואלטונגען פון די באזונדערע גמינעס, וועלכע ברענגען דעם ארטיקל וואגאנענווייז. אויך די אנדערע סחורות ברענגען די קאאפעראציון וואגאנענווייז. אלע אנגעשטעלטע פון סטאראסטווע קויפן אלץ אין פוילישן קאאפעראטיוו. דער סטאראסטווע איז ערב, אז זייערע חובות דעם קאאפעראטיוו וועלן אויסגעצאלט ווערן יעדן 1־טן פון חודש פון זייער געהאלט. ביי יידן קויפן נאר די אנגעשטעלטע, וועלכע זיינען, ווי מען רופט זיי דא, „פוילע" צאלער. ניט באקומענדיק קיין סחורה אויף קרעדיט אין קאאפעראטיוו, נעמען זיי אן אויף גאנץ בארייטנדע סומעס אין די יידישע קראמען און גיבן נאכדעם ניט אפ.

דער ווייסרוסישער קאאפעראטיוו לייזט אויך זייער גוט. איצט עפנט ער אפטיילונגען אין די ארומיקע דערפער.

אויסער די קאאפעראטיוון ארבעטן אין שטעטל פיל קריסטלעכע באקאליי־קראמען און איין גרויסע מאנופאקטור־קראם. די קריסטלעכע קרעמער לעבן ניט פון זייערע קראמען (די הויפט־באשעפטיקונג איז ביי זיי די ערד־ארבעט), זיינען קליינע בעלי־הוצאות, באזיצן אייגענע גרונט־קאפיטאלן, זיינען דעריבער ניט אזוי פארשווינדלט, ווי די יידישע קרעמער, און שטייען אלע ניט אין דעם ערך בעסער, ווי די לעצטע.

דער מארק קומט פאר איינמאל א וואך, אלע מאנטאג. אויפן מארק פארן אן פיל פרעמדע קרעמער (ס'רוב קריסטן) מיט שניט, גאלאנטעריי, לעדער און באקאליי.

די שטייערן זיינען דא זייער גרויסע. דער פאסטאווער קרייז איז א שם דבר מיט זיינע גרויסע שטייערן. דער קליינהאנדל ווערט דא געפירט אין א קליינעם מאסשטאב. קיין זעלבשטענדיקע פלאקס, תבואה און זוימען־סוחרים זיינען דא ניטא. ס'רוב פון די היגע הענדלער זיינען פראסלער, וועלכע קויפן אויף די ארטיקלען פאר די גלובאקער און הײדוציסקער סוחרים. היינטיקס יאר צוליב דער אומגערעטעניש פון פאריקן זומער איז דער מסחר מיט תבואה און זוימען גאר א קליינער. דער מסחר מיט פלאקס איז אפילו אין גוטע יארן דא אן אומבאדייטנדער. היינטיקן יאר ווערט מיט דעם ארטיקל כמעט גארניט געהאנדלט. די קעגנשטאנדן פון קליינהאנדל זיינען איצטער דא: חזיר־האר, פעלכלעך, קעלבלעך א. א. — אלץ זייער קליינע מסחרים, אויף וועלכע זיינען דערצו נאך דא צענדליקער סוחרים.

פון די האנטווערקער האבן א ביסל ארבעט מערניט ווי די שניידער. די שוסטער זיינען אינגאנצן ארבעטסלאז, צוליב דעם וואס מ'באנוצט פארטיקע שוכווארג. די פוילישע באאמטע (פון סטאראסטווע און פ. ק. או.) באנוצן זיך מיט די פוילישע שוסטער, וועלכע זיינען אריינגעפארן און האבן זיך באזעצט אין שטעטל. די יידישע סטאליארעס, וועלכע האבן פריער געארבעט אין גמינע (אויפן רעכענונג פון סיימיק), ווערן איצט סיסטעמאטיש אפגעזאגט פון דער ארבעט.

עס מוז גענומען ווערן אין אכט אויך דאס, וואס פאסטאוו איז חרוב געווארן פון דער מלחמה און די באפעלקערונג מוז די גאנצע צייט ארבעטן

אויסן אפבריען זיך. דאס האט גורם געווען דערצו, אז קיינער אין שטעטל האט ניט קיין אייגענעם קאפיטאל, וואס איז נייטיק צו קרעמעריי, צום קליינהאנדל און אפילו צו דער מלאכה. די קריסטלעכע שוסטער, למשל, טראגן ארויס אין מארק פארטיקע סחורה, פאר וועלכע זיי לייזן גאנץ געשמאק. די יידישע שוסטער קענען אבער ניט נאכטאן זייער ביישפיל, ווייל זיי פעלט דער נייטיקער אויסלייג אויף דעם.

צוליב דער שווערער לאגע האט זיך אין שטעטל געגרינדעט א „לחם אביונים". די הכנסה פון וואכער האט דער „לחם אביונים" ביי א 50 זל. א וואך. 35 פאמיליעס ווערט ארויסגעגעבן ברויט און האלץ.

**פאראפיאנאווע** (דיסנער קרייז). די אלגעמיינע צאל פון דער באפעלקערונג — 100 פאמיליעס, פון דעם יידישע איבער 40.

אין שטעטל געפינען זיך 10 יידישע קרעמער, ביי א 10 בעלי-מלאכות און איבער 10 ערד-ארבעטער. די לעצטע באארבעטן די ערד מיט דער הילף פון „פאראבקעס" און צו די ארבעטן אויף זייערע פעלדער האבן זיי געוויינלעך נאך זייטיקע באשעפטיקונגען.

דער מארק קומט פאר איינמאל א וואך, אלע מיטוואך. צוליב דער אומגערעטעניש פון פאריקן זומער, האבן סיי די קרעמער, סיי די בעלי-מלאכות קיין פרנסה ניט.

אין שטעטל געפינט זיך א פארהעלטניסמעסיק באדייטנדע צאל פערזאנען, וועלכע ביז דעם לעצטן יאר זיינען געווען אנגעשטעלט אין דער האלץ-בראנזשע, און איצט זיינען זיי ארבעטסלאז, טיילווייז צוליב דעם אלגעמיינעם קריזיס אין דעם מסחר, און טיילווייז צוליב דעם, וואס די רעגירונג האט גענומען צרבעטן אירע וועלדער אויפן אייגענעם רעכענונג („גאספאדארטשים ספאסאבעם"). דערווייל פארלעבן זיי די אפשפארונגען, וועלכע זיי האבן געמאכט אין די פריערדיקע יארן, ווען זיי האבן געהאט ארבעט און האבן געקראגן פאר איר גוט באצאלט. די דאזיקע אפשפארונגען זיינען אבער ניט אזעלכע גרויסע, אז זיי זאלן קענען לאנג דינען, אלס מקור צום לעבן. א טייל פון די פריערדיקע וואלד-אנגעשטעלטע הייבן שוין איצט אן פילן דעם טעם פון נויט.

**קאבילניק** (פאסטאווער קרייז). די אלגעמיינע צאל פון דער באפעלקערונג — 800 נפשות, פון זיי 300 יידן.

די הויפט-באשעפטיקונגען — קרעמעריי און דער האנדל מיט פיש (אין שטעטל זיינען דא 20 קרעמער און 11 פישער). לעבן שטעטל געפינט זיך די גרויסע אזערע נאראטש.

די קרעמעריי שטייט זייער שלעכט. אין שטעטל איז דא אן איבערפלוס פון קראמען, אויסערדעם, ארבעטן מיט גרויס ערפאלג א קריסטלעכער קאאפעראטיוו און 2 גרויסע קריסטלעכע קראמען. דער קאאפעראטיוו ווערט געשטיצט דורך דער „קאסע סטעפטשיקא" (ליי- און שפאר-קאסע ביי דער גמינע). די 2 פריוואטע קריסטלעכע קרעמער זיינען לאנדווירטן און לעבן פון די הכנסות פון זייער לאנדווירטשאפט. זיי זיינען דעריבער ניט פארשווינדלט און האבן שטענדיק פיל סחורה אויפן לאגער. סיי דער קאאפעראטיוו און סיי די קריסטלעכע קראמען לייזן זייער גוט. דער מארק קומט פאר איינמאל אין וואך, אלע דינסטאג. אויפן מארק פארן אן א מאסע פרעמדע קרעמער (יידן און קריסטן), ווי אויך בעקער. די פרעמדע קרעמער ברענגען צו פירן לעדער, שניט, גאלאנטעריי און באקאליי. דער פרעמדער קרעמער, וועלכער האט געלייגט הוצאות אויף צו קומען אויפן מארק, וועלכער איז דערצו נאך געוויינלעך שטארק פארשווינדלט און אפטמאל איז אויך זיין סחורה ניט זייער רעאל, באמיט זיך וויפיל עס איז נאר מעגלעך אפצולייזן, פארשניידנדיק געפערלעך די פרייזן. אויך זיינען די פאדערונגען פון קונה פארשיידן צום אייגענעם און פרעמדן קרעמער. פון דעם ערשטן פארלאנגט ער סחורה אויף קרעדיט און דערצו נאך סחורה נאר ראיעלע. דעם צווייטן, רעכענענדיק, אז מען האנדלט ביי אים מציאות, צאלט ער מיט מזומנים, און פארטראכט זיך אויך ניט לאנג וועגן דער קוואליטעט פון דער סחורה. די פרעמדע קרעמער נעמען צו א גרויסן טייל פון דעם מארק-פדיון, און זיינען בכלל גורם צום אראפזעצן פון די פארדינסטן פון ארטיקן קרעמער ביז צו א מינימום. עס צורואינירן ממש דעם יידישן קרעמער אויך די גרויסע שטייערן. דער פאסטאווער „סקארב" איז אין הינזיכט פון ארויפלייגן און אויסמאנען די שטייערן זייער א שטרענגער.

די יידישע פישער זיינען געדריקט. קיין ווינטערדיקע נעצן (א ווינטערדיקער נעץ קאסט ביי א 2.000 דאלאר) האט קיינער פון זיי ניט. זומערדיקע נעצן (קאסט ביי א 200—300 דאלאר) האבן פון די 11 יידישע פישער נאר 3. די לעצטע פאנגען זומער די פיש מיט דער הילף פון פויערים, וועלכע באקומען געוויינלעך פאר זייער ארבעט א העלפט פון פאנג. אפטמאל צאלט מען די פויערים טעגלעכע שכירות, אדער א געוויסן געצאלט פון יעדער געפאנגענעם פוד פיש. די איבעריקע יידישע פישער, וואס האבן אליין ניט קיין אייגענע נעצן, קויפן איין די סחורה ביי די קריסטלעכע פיש-פאנגער. אבער דער האנדל מיט פיש גייט אלץ מער און מער אריבער אין די הענט פון די לעצטע. די פישער, וואס פאנגען אליין די פיש, פירן עס אליין אויך אוועק אין ווילנע און פארקויפן עס דארט, אויסמיידנדיק אזוי ארום די פארמיטלונג פון יידישן הענדלער-פישער.

דער קליינהאנדל (מיט טעלכלעך, פעל, חזיר-האר וכדומה) פירט זיך דא אין א קליינעם מאסשטאב.

די בעלי-מלאכות זיינען זייער געדריקט, צוליב דער ארעמקייט פון דער פויערישער באפעלקערונג, וועלכע האט דעם פאריקן זומער שטארק געליטן פון דער אומגערעטעניש, און גיט ניט דעריבער קיין ארבעט ניט די שוסטער, ניט די שניידער א. אז. וו. אויסערדעם, ווערט דער יידישער בעל-מלאכה, זינט אייניקע יאר שוין, ארויסגעשטויסן דורך די דארפישע בעלי-מלאכות, וועלכע מערן זיך בסדר סיי אין דארף, סיי אין שטעטל גופא.

**קאזיאן** (בראסלאווער קרייז). די אלגעמיינע צאל פון דער באפעלקערונג איבער 200 פאמיליעס, פון זיי 50 יידישע.

די הויפט-באשעפטיקונג פון דער יידישער באפעלקערונג — קרעמעריי און האנטווערקעריי. אין שטעטל זיינען דא 17 קרעמער און 18 האנטווערקער.

דער מארק קומט דא פאר מיטוואך. אויפן מארק פארן אן קרעמער (יידן און קריסטן) מיט גאלאנטעריי, מאנופאקטור, לעדער א. א. סחורות. זיי קאנקורירן שטארק מיט די ארטיקע קרעמער אין די פרייזן. גאלאנטעריי און מאנופאקטור פארקויפן די פרעמדע קרעמער אן קיין שום ריוח און אפטמאל זאגאר אונטערן מקח. אויסערדעם, זיינען דא אין אלע גרעסערע דערפער קראמען. אין די דארפישע קראמען קריגט מען צו קויפן, אויסער באקאליי און גאלאנטעריי, אויך מאנופאקטור, לעדער, הילצן א. אז. וו. די קאנקורענץ איז א שרעקלעכע. אז דער פויער קומט שוין אמאל יע אין שטעטל עפעס צו קויפן, רייסט אים יעדער קרעמער צו זיך אין קראם. די פרייזן אויף אלע סחורות זיינען דעריבער געשלאגענע און די פרנסה איז א נישטיקע. פון דער צווייטער זייט איז די שטייער-לאסט דא זייער א שווערע, און דאס דערדריקט פולשטענדיק און ענדגילטיק דעם קרעמער. ווי ווייט דא שטייט שלעכט די קרעמעריי באווייזט דער פאקט, וואס דער קריסטלעכער קאאפעראטיוו, וועלכער האט זיך דא געעפנט, האט זיך אין א קורצער צייט ארום געמוזט פארמאכן צוליב דעם, וואס דער געשעפט האט אפילו ניט געקענט דעקן דעם געהאלט פאר איין אנגעשטעלטן.

די היגע בעלי-מלאכות זיינען אלע ארעמעלייט. אין שטעטל און אין אלע דערפער זיינען דא קריסטלעכע בעלי-מלאכות, וועלכע ארבעטן זייער ביליק, ווייל דער פאך איז ביי זיי א ביי-באשעפטיקונג צו דער ערד-ארבעט, וואס איז ביי זיי דער עיקר מלאכה.

אין שטעטל זיינען דא 5 יידישע קאראבעלניקעס. זיי פארנעמען זיך מיט א טויש-האנדל אין דארף. זיי בייטן אויס זייף, נאדלען, קעמלעך, שפילקעס א. אז. וו. אויף חזיר-האר, פלאקס, טיכער א. ד. גל. פאליציי פארפאלגט דעם מסחר. אז מ'כאפט אויפן וועג א קאראבעלניק, קאנפיסקירט מען זיין גאנצן וואגן סחורה.

פיל פון שטעטל זיינען געווען אנגעשטעלטע ביים וואלד-האנדל, וועלכער האט זיך געפירט אין דער סביבה. איצט האט די רעגירונג גענומען ארבעטן די וועלדער אויף איר אייגענעם חשבון. פיל אנגעשטעלטע האבן דורכדעם פארלארן זייער פארדינסט.

אין די בעקערייען און יאטקעס האט מען דורכגעפירט גרויסע רעמאנטן. מען איז אבער ניט זיכער קעגן ווייטערע פאדערונגען, וועלכע ווערן בסדר ארויסגעשטעלט צו די בעקער און קצבים.

איצט פאדערט מען דורכצופירן גרויסע רעמאנטן אין די קראמען („סינקעוויען" די ווענט, ניט דורכלאזבארער דיל א. א.), ברענגען אין ארדענונג דעם אויסערלעכן אויסזען פון די הייזער און ברוקירן די גאסן. פאר דער פארארעמטער יידישער באפעלקערונג זיינען דאס אלץ אזעלכע פאדערונגען, וועלכע זיי וועלן עס בשום אופן ניט קענען דערפילן צוליב די גרויסע געלט-קאסטן, מיט וועלכע דאס אלץ איז פארבונדן.

ווי עס קומט נאר אן דער טאג, הייבט מען אן גיין איינע צו די אנדערע לייען גמילות-חסדים. איינער דארף צאלן היינט א וועקסל, אויב ניט גייט ער אין פראטעסט. צום צווייטן איז געקומען א סעקוועסטראטאר און וויל צונעמען די שוין פון לאנג אן אפגעשריבענע שטובעקע חפצים (מעבל, קישנס, מעטאלענע געשיר א. אז. וו.) פאר פארלעגענע שטייערן. דער דריטער דארף פארן נאך סחורה אין ווילנע, מוז ער אויסלייען כאטש א 200—300 זל. צו נעמען מיט זיך אין שטאט. דעם פערטן מאכט זיך צו קויפן א קעלבל, א ביסל פלאקס וכדומה, און דער פינפטער מוז היינט ענטפערן א גמילות-חסד א צווייטן, וואס ער האט גענומען, ביז יענער וועט אליין דארפן די געלט א. אז. וו. א. א. אז וו., און אזא אומלויפעניש און אומיאגעניש נאך א מזומנעם גראשן איז דא ביים גרעסטן טייל קרעמער און הענדלער א נארמאלע טעגלעכע דערשיינונג.

נאך דער שריפה, וואס האט מיט 1½ יאר צוריק חרוב געמאכט דעם בעסטן טייל שטעטל

(דעם צענטער, וואו עס זיינען געווען די שענסטע הייזער און קראָמען), ווען עס איז אויך פאַרברענט געוואָרן אַ גרויסער טייל פון די סחורות, וואָס זיינען געווען אין די קראָמען, האָבן די נשרפים אויעקגעשטעלט גאַנץ שיינע מויערן, וועלכע זיינען אָבער עד היום נאָך ניט פאַרענדיקט. זיי האָבן אָנגעליען אויף זייערע בנינים, וואו עס האָט זיך נאָר געלאָזן, אָבער זיי קענען בשום אופן ניט פאַרטיק ווערן מיט זייער פאַרענדיקונג. וועגן אָט די אייגנטימער פון די אָקאָרשט אויפגעשטעלטע מויערן האָט פאַר מיר זיך אויסגעדריקט איינער אַ שטעטלשער איינוואוינער, וועלכער וואוינט אין אַן אַלטער, קליינער הילצערנער שטוב, אין דעם אופן, אַז ער וואָלט ניט געביטן, אפילו גלייך אויף גלייך, זיין שטיבעלע אויף איינעם פון די גרעסטע מויערן, ווען ער זאָל נאָר דאַרפן איבערנעמען אויף זיך די חובות פון בנין. לויט זיין אויסרעכענונג שטייגן איבער אָט די חובות דעם ווערט פון גאַנצן בנין, וועלכער קען ניט זיין אין אַזאַ שטעטעלע, ווי קאָזיאַן, זייער גרויס.

**קאַרעליטש** (נאָוואָגרודקער קרייז). אָפּגעברענט דעם 12 אויגוסט 1929. בויט זיך ביסלעכווייז אָפּ צוריק, אָבער מיט זייער גרויסע שוועריקייטן.

**קורענעץ** (ווילייקער קרייז). די שטעטל האָט איבער 300 יידישע פאַמיליעס. די לאַגע איז אַ שווערע, ווייל אַ באַדייטנדער טייל איז געוואָרן פאַראָרעמט דורך דער גרויסע שריפה, וואָס האָט אין זומער 1924 פאַרניכטעט אַ האַלבע שטעטל. מען האָט געוואָלט אַרויספירן דעם מאַרק פון שטעטל, אָבער נאָך השתדלותן איז ער געבליבן אויף אַן אָרט.

**קימעלישאָק** (סווענציאַנער קרייז). אין שטעטל וואוינען 130—140 פאַמיליעס, פון זיי 36 יידישע.

די הויפּט-פּרנסה — קרעמעריי. אין שטעטל איז דאָ אַן איבערפלוס פון קראָמען. עס קומט דעריבער פאָר זייער אַ שטאַרקע קאָנקורענץ צווישן די איינצלנע קרעמער, און די פּרנסה איז זייער אַ קליינע. אויסערדעם דריקן דאָ מוראדיק די שטייערן. אַ יידענע, וואָס בייט אַרויס מיט אַ קאָשיק אין מאַרק עפּעס האַנדלען, מוז האָבן אַ פּאַטענט, כאָטש דער גאַנצער מסחר אירער איז אַ נישטיקער, ממש אַ גראָשענער. די אויסמעסטונגען פון אומזאַץ — פיל גרעסער, ווי ער איז אין דער ווירקלעכקייט. אין אַלע דערפער האָבן זיך באַזעצט קריסטלעכע האַנטווערקער. די יידישע בעלי-מלאכות, וואָס געפינען זיך אין שטעטל, זיינען דעריבער זייער געדריקט.

**קראַסנע** (מאָלאָדעטשנער קרייז). אין שטעטל וואוינען ביי אַ 80 יידישע פאַמיליעס. אַ באַלעבאַטע שטעטל. עס שטייט מיליטער. זיי האָבן אפילו אַן אייגענעם קאָאָפּעראַטיוו, וועלכער איז פאַרזען מיט כלערליי סחורות, נאָר פונדעסטוועגן פעלט עפּעס צו דער שטעטל. עס באַמערקט זיך אָבער אַ מאָדנע ערשיינונג, ווען אַ טייל שטעטל אַרבעט אויס איר לעבן, געפינט זיך אַ צווייטער טייל אין אַ גרויסער נויט. דאָס זיינען די האַנטווערקער, אָדער מענטשן, וועלכע האָבן ניט קיין באַשטימטע באַשעפטיקונג. אין אַלגעמיין, דאַרף די עקאָנאָמישע לאַגע, צוליב דעם שוואַכערן טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג, באַצייכנט ווערן, אַלס ניט קיין צופרידנשטעלנדע.

**ראַדון** (לידער קרייז). די אַלגעמיינע צאָל פון דער באַפעלקערונג — 350 פאַמיליעס, פון דעם 170 יידישע.

די הויפּט-פּרנסה איז קרעמעריי. דער מאַרק קומט פאָר מיטוואָך, ניט קיין גרויסער, ווייל קיין סי-מאַרק איז ניטאָ. פאַראַן אַ קריסטלעכער קאָאָפּעראַטיוו, אָבער ער אַרבעט אָן ערפאָלג. איבערהויפּט איז דאָ די פּרנסה פון קרעמעריי אַ קנאַפּע. אַ שטעטל אַ טויטע, אָן אַ גרעסערער באַוועגונג. אַ ביסל פּרנסה ברענגט אַריין די ישיבה פון „חפץ חיים", אין וועלכע עס לערנען ביז 300 בחורים. מען פאַרדינט פון קוואַרטירן און פון קאָכן פאַר די בחורים עסן. פאַר אַן אָרט צום נעכטיקן צאָלט אַ בחור 5—6 זל. אַ חודש. פאַרן קאָכן (זייערע פּראָדוקטן) 5 זל. אַ חודש. כמעט אין יעדער הויז שטייען איין 2—3 בחורים. הערט די ישיבה אויף צו באַקומען געלט פון אַמעריקע, רופט עס זיך גלייך אָפּ אויף די גאַנצע שטעטל.

דאָ פילט זיך אַן איבערפלוס אין שניידער און שוסטער. ווי דאָס שטעטל, אַזוי אויך די ישיבה גיבן זייער ווייניק אַרבעט. דער דאָרף האָט זיינע אייגענע שוסטער און שניידער.

לויט דער פאַראָרדענונג פון דער מאַכט זיינען דאָ געשלאָסן געוואָרן 5 בעקערייען. 2 בעקערייען, אויסער די 5, האָבן דורכגעפירט אַ רעמאָנט און אַרבעטן דערווייל.

אַ טייל פון די היגע יידן זיינען קאַראַבעלניקעס, וועלכע פאָרן אויסן דאָרף. זיי זיינען אַלע זייער געדריקט. אַ טייל זיינען פורמאַנעס, וועלכע פירן מיטן וואָגן פון לידע סחורה פאַר די קרעמער. צום באַן גייט אַן אויטאָבוס (אַ יידישער), און דאָס האָט אָפּגענומען אַ גרויסן טייל פּרנסה ביי די פורמאַנעס.

**ראַקאָוו** (מאָלאָדעטשנער קרייז). ז. זייטן 443—449.

**ראַזשאַנקע** (לידער קרייז). די אַלגעמיינע צאָל פון דער באַפעלקערונג איז איבער 900 נפשות, פון זיי 700 יידן.

4 קילאָמעטער פון ראַזשאַנקע געפינט זיך די יידישע ערד-אַרבעטער קאָלאָניע דובראָווע, אין וועלכער עס וואוינען 25 יידישע משפחות.

די הויפּט-באַשעפטיקונג פון דער יידישער באַפעלקערונג פון שטעטל איז האַנטווערקעריי: אויף 16 שניידער מיט שניידערקעס, 15 שוסטער, 22 בעלי-מלאכות פון אַנדערע פאַכן (בעקער, שטעפּער, שמידן, קצבים א. אז. וו.), זיינען דאָ נאָר 24 קרעמער און קליינהענדלער (אין דער צאָל גייען שוין אַריין 8 קאַראַבעלניקעס, וועלכע פאָרן אויסן דאָרף).

די בעלי-מלאכות, דערהויפּט די שוסטער און שניידער, זיינען אָרעמעלייט. קיין מערק אין שטעטל קומען ניט פאָר. די קריסטן געוויינען זיך אַלץ מער און מער איינצוקויפן פאַרטיקע מלבושים און שיך ביי די אָנגעפאָרענע קרעמער אויף די מערק אין דעם דערבייאיקן שטעטל שטשוטשין. די צאָל פון די בעלי-מלאכות פון די פאַכן איז איבערהויפּט אַ צו גרויסע פאַר אַזאַ שטעטעלע, ווי ראַזשאַנקע, בפרט נאָך, ווען אין אַלע אַרומיקע דערפער און אין שטעטל גומאַ זיינען דאָ קריסטלעכע שוסטער און שניידער.

וואָס איז נוגע די קרעמער און קליינהענדלער, איז זייער לאַגע אויך אַ שווערע. אויסער דעם, וואָס אין שטעטל קומען ניט פאָר קיין מערק, וועלכע זיינען, געוויינלעך, די עיקר-זאַך פאַר אַ קליינהענדלער און קרעמער, אַרבעט נאָך אין שטעטל מיט גרויס ערפאָלג אַ קריסטלעכער קאָאָפּעראַטיוו, וועלכער ציט אָפּ צו זיך אַ זייער באַדייטנדן טייל פון דעם אַזוי אויך שוואַכן פּריון.

אין בעקעריי אין שטעטל האָט דורכגעפירט אַ רעמאָנט, וואָס האָט אָפּגעקאָסט 450 דאָלאַר, און די אַרבעט איצט. 4 בעקערייען זיינען געשלאָסן. זיי זיינען ניט ביכולת דורכצופירן דעם געפאָדערטן רעמאָנט.

**רודזישעק** (טראָקער קרייז). ז. זייטן 448—453.

**ראַדאָשקאָוויטש** (מאָלאָדעטשנער קרייז). די אַלגעמיינע צאָל פון דער באַפעלקערונג איז 3.000 נפשות, פון זיי איבער 1.500 יידן.

די הויפּט-באַשעפטיקונג פון די יידן — קרעמעריי, קליינהאַנדל און האַנטווערקעריי.

אין שטעטל זיינען דאָ ביי אַ 70 יידישע קראָמען. דאָס שטעטל ליגט האַרט ביי דער סאָוועטישער גרעניץ, און אַ האַלבע געגנט, פאַר וועלכן ראַדאָשקאָוויטש איז געווען פאַרן קריג דער צענטער, איז איצט דורך איר אָפּגעשניטן. אויסערדעם, ליגן נאָענט פון ראַדאָשקאָוויטש — מאָלאָדעטשנע און קראַסנע, צוויי לעבעדיקע מסחר-שטעטלעך (אין ביידע שטייען מיליטער, און אין דער ערשטער געפינט זיך דער „פּאָוויאַט"), וואוהין דעם פּויער לוינט בעסער צו פירן זיינע פּראָדוקטן צו פאַרקויפן, ווייל דאָרטן, צוליבן מיליטער און די באַאַמטע, איז די פאָדערונג אויף זיי אַ גרעסערע און די פּרייזן זיינען דעריבער העכערע. צוליב די אַלע סיבות, איז דער מאַרק אין ראַדאָשקאָוויטש, וועלכער קומט פאָר איינמאָל אַ וואָך, אַלע דאָנערשטאָג, אַ קליינער. אין די איבעריקע טעג פון דער וואָך איז דער צופאָר פון געגנט אין ראַדאָשקאָוויטש גאָר אַ נישטיקער, און אין שטעטל איז דעמאָלט טויט און שטיל. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז ביי אַזאַ לאַגע פילט זיך אין שטעטל אַ שטאַרקער איבערפלוס אין קראָמען. אין פאַריקן יאָר, ווען דער קריזיס אין האַנדל האָט זיך באַזונדערס פאַרשאַרפט, האָבן זיך געשלאָסן אַ טייל קראָמען (זייער צאָל איז דעמאָלט געווען מער ווי 70). אויך היינטיקס יאָר האַלטן ביים שליסן זיך אייניקע קראָמען (אין דעם 3 שניט-קראָמען). די לאַגע פון די היגע קרעמער איז ממש אַ פאַרצווייפלטע. דער קליינער פּריון און די גרויסע שטייערן האָבן גורם געווען דערצו, אַז כמעט קיין איינער פון די קרעמער האָט ניט קיין אייגענעם קאַפּיטאַל, און אַלע שווינדלען מיט פרעמדע געלט (דערהויפּט איז מען פאַרשולדיקט ביי די ווילנער קרעמער). אין דער לעצטער צייט האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה פון אָפּשרייבן די סחורה אין די קראָמען און די הויז-ווירטשאַפט (ס'רוב ביי די שניט-קרעמער) פאַר די פּראָטעסטירטע וועקסלען פון די ווילנער קרעמער.

אין שטעטל אַרבעט אַ קריסטלעכער קאָאָפּעראַטיוו (אַ דעטאַיל-געשעפט), וועלכן עס האָט געגרינדעט אַ פּוילישער רעזערוו-אָפיציר. אין קאָאָפּעראַטיוו זיינען דאָ כלערליי סחורות, אפילו שניט, לעדער און שוכוואַרג.

כאָטש דער קליינהאַנדל פירט זיך דאָ אין אַ קליינעם מאַסשטאַב, פונדעסטוועגן האָבן אַלע היגע קליינהענדלער שטאַרק געליטן פון היי-יאָריקן קריזיס אין דער תבואה-בראַנזשע. פון דעם קריזיס האָבן געליטן ניט נאָר די קליינהענדלער אַליין, נאָר אויך פּריוואַטע פּערזאָנען, איבערהויפּט כלה-מיידלעך, וועלכע האָבן אַריינגעטאָן זייער גאַנצן נדן אין דעם מסחר צוליב ספּעקולאַציע-צוועקן און זיי האָבן פאַרלאָרן דורכדעם אַ האַלבן אייגנס זייערן.

פון די האַנטווערקער שטייען זייער שלעכט די שוסטער און שניידער. די שטעטלשע און איבערהויפּט די דאָרפישע שוסטער און שניידער האָבן ביי די יידישע בעלי-מלאכות צוגענומען די גאַנצע אַרבעט.

אַ פאָר צענדליק פאַמיליעס לעבן דאָ פון גערטנערײַ אָדער פון האַלטן סעדער („די גערטנער אַרענדירט מען בײַ די שטעטלשע פּויערים און די סעדער בײַ די אַרומיקע פּריצים). פאַריקן יאָר האָבן סײַ די גערטנערער, סײַ די „סאַדאָווניקעס“ צוגעלייגט דאָס גאַנצע געלט, וואָס זיי האָבן אַרײַנגעטאָן אין די עסקים.

כמעט 90 פּראָצענט פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג באַקומט צוגעשיקטע שטיצע פון קרובים פון אַמעריקע. אַדאַנק דער שטיצע האַלטן זיך נאָך אַלע ווי עס איז אויף די פיס.

**שטשוטשין** (בײַ לידע). די אַלגעמיינע צאָל פון דער באַפעלקערונג איז 2.500 נפשות, פון דעם בײַ אַ 2.000 יידן.

די הויפּט-באַשעפטיקונגען זיינען קרעמערײַ און קליינהאַנדל. אין שטאָט פילט זיך אַן איבערפלוס פון קראָמען. אויסערדעם, עפענען זיך אין די דערפער אַלץ נײַע און נײַע קריסטלעכע קראָמען, וועלכע ציען אָפּ די לייזונג פון שטעטל. אין שטעטל אַליין אַרבעט אַ קריסטלעכער קאָאָפּעראַטיוו און 3 גרויסע און רײַכע פּריוואַטע קריסטלעכע קראָמען. אויף די מערק, וועלכע קומען פאָר איינמאָל אין וואָך, דאָנערשטאָג, פאָרן אָן קרעמער מיט כלערליי סחורות, דערהויפּט טאַנדעטניקעס, פון אַלע אַרומיקע שטעטלעך. די קאָנקורענץ צוליב די אַלע אויסגערעכנטע טעמים איז זייער אַ גרויסע און די פּרנסה איז אַ קליינע.

דער קליינהאַנדל ליידט דאַנגלייכן פון דער קאָנקורענץ פון די פרעמדע קליינהענדלער, וועלכע פאָרן אָן אויף די מערק, און איבערהויפּט פון דעם מאַנגל אין אומזאַץ-קאַפּיטאַל.

די שוסטער און שנײַדער זיינען זייער געדריקט. מען קויפט איבערהויפּט פאַרטיקע שיך און זאַכן. אין שטעטל און אין אַלע אַרומיקע דערפער געפינען זיך גוטע קריסטלעכע בעלי-מלאכות פון אַלע פאַכן.

5 בעקערייען האָבן דורכגעפירט גרויסע רעמאָנטן און אַרבעטן. 10 בעקערייען זיינען געשלאָסן. זיי האָבן ניט קיין פּאַסנדע לאָקאַלן, און האָבן אויך ניט די מיטלען אויף דורכצופירן די געפאָדערטע רעמאָנטן.

# אַלגעמיינער סך-הכּל.

אויפן יסוד פון די אויבן-געבראַכטע 50 באַריכטן וועגן דער עקאָנאָמישער לאַגע פון אונזערע שטעטלעך מוז מען קומען צום טרויעריקן באַשלוס, אַז די קליינע יידישע שטעטל אין ווילנער געגנט געפינט זיך אין זייער אַ שווערן עקאָנאָמישן מצב, זי הענגט ווירטשאַפטלעך צווישן לעבן און טויט, אירע אײַנוואוינער פירן אַ ביטערן קאַמף פאַרן עלעמענטאַרסטן קיום בײַ אויסערסט שווערע באַדינגונגען און אָן פּערספּעקטיוון אויף בעסערס אין דער נאָענטסטער צוקונפט.

די באַשיידענע, שטילע און קורצע באַריכטן, געשריבן איינפאַך און זאַכלעך, אָן באַזונדערע טעאָריעס און ספּעציעלע אַנאַליזן, נאָר אַזוי ווי דאָס טרוקן לעבן דאָרט אין די שטעטלעך איז, — עס איז אויסגעלייגט פון אויבן-אויף קלאָר און דײַטלעך און טרויעריק-פּשוט, — גיבן ניט נאָר דעם עצם-בילד, נאָר ברענגען אויך צו אַ גאַנצער ריי אויספירן, וואָס זייער וויכטיקייט איז ניט צו באַשטרײַטן און זייער פאַרענטפערונג איז דרינגענד-נויטיק.

אַ טייל פון די פּראָבלעמען ליגן אין די אַלגעמיין מלוכהשע באַדינגונגען, אַ טייל אין דער סאָציאַלער סטרוקטור פון דער יידישער באַפעלקערונג; אַ טייל ווידער אין די ספּעציפישע אייגנשאַפטן פון דער דאָזיקער געגנט (וואָס איז אַגב באַזונדערס צערואינירט געוואָרן פון דער מלחמה און פון אַלע אירע פאָלגן) מיט אירע דורכאויס קליינע און קלענינקע שטעטלעך כמעט אָן קיין שום אינדוסטריע מיט אַ צענטראַלער שטאָט, וואָס איז ווירטשאַפטלעך אַליין פול מיט דלות; אַ טייל — אין קינסטלעכע פאַקטאָרן, וואָס דאַרפן ווערן באַקעמפט און באַזײַטיקט אָדער אין אַזוינע תנאים, וואָס ס׳לאָזט זיך אפשר אַרויסהעלפן פון זיי דורך געזעלשאַפטלעכע מיטלען און אַקציעס.

ס׳איז ניט איבעריק דאָ אונטערצוציען די לעצטע שורה, אונטערשטרײַכנדיק אַ ריי וויכטיקערע פּונקטן וועגן דער לאַגע גופא לויט די באַריכטן: 1. **די קריסטלעכע האַנדלס- און קאָנסום-קאָאָפּעראַטיוון.** גרויסע געשעפטן מיט אַלערליי סחורות און פיל אומזאַץ-מיטלען, פּריווילעגירט אין שטייערן, ווערן געשטיצט פון איינפלוסרײַכע און מאַסגעבנדע פאַקטאָרן. רואינירן דעם יידישן האַנדל און ברעכן אונטער די עקזיסטענץ פון די יידישע קראָמען. שטעלן זיך אַוועק אינמיטן מאַרק, בויען זיך אויס אײַגענע הײַזער. 2. **די עטאַטיסטישע ווירטשאַפט.** די מלוכה און די קאָמונאַלע אינסטיטוציעס נעמען איבער ווירטשאַפטלעכע צווײַגן, אין וועלכע יידן זיינען פון לאַנג אָן געווען באַשעפטיקט. די יידן פאַרלירן דורך דעם די פּרנסה. צו די נײַע אַרבעטן ווערן זיי ניט צוגעלאָזן. פאַר באַאַמטע נעמט מען זיי ניט אָן. 3. **די גרויסע שטײַערן.** באַזונדערס שווער לייגן זיך די צו גרויסע שטײַערן אויף די קרעמלעך און אונטערנעמונגען אין די קליינע שטעטלעך. עס נעמט צו דעם לעצטן רעשט, דאָס ביסל פאַרדינסט. 4. **דער אונטערגאַנג פון פּרנסות.** צוליב אַ גאַנצער ריי עקאָנאָמישע און פּאָליטישע סיבות, גרענעצן און פאַרלאָרענעם רוסישן מאַרק, זיינען אונטערגעגאַנגען און גייען אונטער פיל יידישע פּרנסות. 5. **די קאָנקורענץ אויף די מערק.** די שטעטל לעבט פון דעם מאַרק, וואָס קומט פאָר 1 מאָל אָדער 2 מאָל אין וואָך. פירט מען אָבער אָן אויף די מערק פאַרטיקע זאַכן און שיך, ברענגט מען אָן פון דער פרעמד סחורות, פאַרקויפט מען נידעריקער פון דעם פּרײַז און מען שלאָגט אונטער דעם פּרײַז פון די אָרטיקע קרעמער און האַנטווערקער. 6. **דער קריסטלעכער האַנדל.** אַלץ מער און מער נעמט זיך אויך די קריסטלעכע באַפעלקערונג צום האַנדל און קרעמערײַ און שטויסט אַרויס די יידן פון זייערע אַלטע פּאָזיציעס. ס׳עפענען זיך קריסטלעכע קראָמען אין די דערפער גופא. ס׳עפענען זיך קריסטלעכע קראָמען אויף די מאַרק-פּלעצער. ס׳פאָרן אָן וואַנדערנדיקע קריסטלעכע הענדלער. 7. **די קריסטלעכע מלאכה.** ס׳מערן זיך קריסטלעכע בעלי-מלאכות, וועלכע שטײַגן אָפט איבער די יידישע אין קוואַליטעט. זיי אַרבעטן אויך אין די דערפער. זיי האָבן אויך אַנדערע באַשעפטיקונגען, האָבן ערד און זייער מעמד איז פעסטער. צווישן זיי זיינען פאַראַן גרעסערע ספּעציאַליסטן, אויך אַרײַנגעפאָרענע, וואָס באַזעצן זיך אין די שטעטלעך. 8. **איבערפלוס פון קראָמען.** ניטאָ קיין אַנדערע פּרנסות, גייען אונטער די פריערדיקע, קומען ניט אויף קיין נײַע, — עפנט מען אַלץ קרעמלעך, איינע אויף די אַנדערע. דער איבערפלוס איז גרויס אפילו דאַן, ווען פיל קרעמלעך זיינען געצוואונגען צו פאַרמאַכן זיך צוליב מאַנגל אין לייזונג און דאָס לעבן איז עלנט און ביטער. 9. **דוחק אין אומזאַץ-מיטלען.** די יידישע אונטערנעמונגען ליידן פון מאַנגל אין קרעדיט, האָבן ניט קיין אונטערשטיצונגען ניט פון קיין סײַמיק, ניט פון די גמינעס און ניט פון די מלוכהשע און קאָמונאַלע בענק. די פּראָדוקטיווע יידישע באַשעפטיקונגען האָבן ניט וואו צו באַקומען קיין מיטלען אויף אינוועסטיציעס. דער גאַנצער יידישער קרעדיט דרייט זיך אַרום די יידישע פאָלקסבענק און גמילות-חסדים-קאַסעס. 10. **פאַרשיידענע סיבות.** יעדע נײַע פאַראָרדענונג לייגט זיך ווי אַ שווערע משא. דאָ קעמפט מען קעגן אַריבערטראָגן דעם מאַרק, דאָ קרעכצט מען אונטער די סאַניטאַרע תקנות און פאָדערונגען פון רעמאָנטן. אַריבערטראָגן דעם מאַרק, אַמאָל הינטערן שטעטל, הייסט צונעמען בײַ יידן די גאַנצע פּרנסה; אויף דורכפירן די סאַניטאַרע פאַראָרדענונגען און די רעמאָנטן איז להכעיס ניטאָ קיין געלט. קומט פאָר אַן אומגעריכטעניש אויף דער אָרעמער ערד (די לעצטע דרײַ יאָר האָט עס בכלל געטראָפן אין אַ ריי קרײַזן) — דער פויער הונגערט — הונגערט אויך די שטעטל. דער קרעמער לייזט ניט, דער בעל-מלאכה האָט ניט פאַר וועמען צו אַרבעטן. און דאָס זעלבע, ווען דער לאַנדווירטשאַפטלעכער פּראָדוקט איז צו ביליק. 11. **די פאָלגן.** דאָס לעבן אין שטעטל איז זייער פּרימיטיוו און איינפאַך. די פּרנסה איז פולשטענדיק אומזיכער און צופעליק. דער פאַרדינסט איז זייער קליין. די אָרעמקייט איז גרויס. די יוגנט גייט אום ליידיק און האָט זיך ניט צו וואָס צו נעמען. צו שטעלעס בײַם מלוכה-אַפּאַראַט און זעלבסטפאַרוואַלטונגען, אָפיציעלע און האַלב-אָפיציעלע אונטערנעמונגען, אַרבעטן און באַשעפטיקונגען, איז דער וועג כמעט ווי געשלאָסן. פאַרקערט, די דאָזיקע מעכטיקע פאַקטאָרן ווערן אַליין אונטערנעמער און מאָנאָפּאָליסטן. אַ גרויסע צאָל פון דער יידישער באַפעלקערונג לעבט פון דער שטיצע, וואָס די אַמעריקאַנער קרובים שיקן צו. צוליב די גרויסע באַגרענעצונגען אין די געהעריקע לענדער פאַרענטפערט ניט די עמיגראַציע אפילו אַ טייל פון די שטרעבונגען, מעגלעכקייטן און באַדאַרף. די עקאָנאָמישע, סאָציאַלע ווי אויך די קולטורעלע זעלבסטהילף (שולוועזן) איז זייער אָנגעשטרענגט און אויסגעמאַטערנדיק און צוליב דעם נאָר קנאַפּ (אָדער כמעט ניט) שטיצן די דאָזיקע נויטן און אינסטיטוציעס מצד די מאַסגעבנדיקע פאַקטאָרן פון די אַלגעמיינע שטייער-קוועלן מוז די יידישע באַפעלקערונג גופא, ווילנדיק ניט ווילנדיק, ווידער אויספּרעסן פון זיך (חוץ די אַלגעמיינע שטייערן) באַזונדערע באַרײַטנדע געלט-מיטלען דורך זאַמלונגען און אָפּצאָלונגען פּריוואַט און געזעלשאַפטלעך אָדער דורך די צוואַנגס-באַשטייערונגען פון די קהלות.

רעד.

# פּראָווינץ-באַריכטן און זכרונות

## דער אָנהויב פון דער אויפבוי-אַקציע אין נאָוואָגרודקער ראַיאָן.

.1

די גרינדונג פון נאָוואָגרודקער קאָמיטעט מיט פאָרשטייער פון קאָרעליטש, ליובטש, דעליאַטיטש-ניישטאָט און האָראָדישטש. — די רעכט, וואָס ער האָט באַקומען פון דער דייטשער מאַכט. — די בנינים-פּיאָנערן און די פאַרלאַנגטע הנחות פאַר זיי. — דער דייטשער קאָמענדאַנט מיעכאָוו. — זיין הנהגה און מעשים. — מיטגלידער פון קאָמיטעט פאָרן צו אים מיט אַ שליחות.

נאָכן שליסן דעם וואָפנשטילשטאַנד צווישן די דייטשן און רוסן און נאָכן אַוועקרוקן זיך פון דער דייטשער אַרמיי צו מזרח פון זייערע פּאָזיציעס אויפן ניעמאַן און טייך סערוועטש, וועלכע זיי האָבן פאַרנומען פון סוף סעפטעמבער 1915, האָט זיך צווישן די פּאָר הונדערט [illegible]ישע פאַמיליעס, וואָס זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרן דורך די דייטשן פון פראָנטגעביט (פון די שטעטלעך: קאָרעליטש, ליובטש, דעליאַטיטש און ניישטאָט) אין נאָוואָגרודאָק, אויפגעהויבן אַ שטאַרקע באַוועגונג זיך אומצוקערן אויף זייערע אַלטע ערטער. צו דעם צוועק האָט זיך געגרינדעט אַ קאָמיטעט, וועלכער איז דעם 17-טן מאַי 1918 באַשטעטיקט געוואָרן פון דער דייטשער מאַכט אונטערן נאָמען: Das jüdische Übersiedlungs-B u- und Unterstützungs-Komitee, Nowogrudek.

דער קאָמיטעט איז באַשטאַנען פון 18 מיטגלידער, פון זיי 17 פאָרשטייער פון די 4 אויבנדערמאָנטע שטעטלעך און דער 18-טער, דער פאָרזיצער, איז געווען דער דעמאָלטיקער רב אין נאָוואָגרודאָק און איצטיקער ווילנער שטאָט-מגיד, הרב ר' מנחם קראַקאָווסקי. נאָכדעם איז צוגעצויגן געוואָרן אויך 1 פאָרשטייער פון האָראָדישטש.

די רעכט, וואָס דער קאָמיטעט האָט באַקומען פון דער דייטשער מאַכט, זיינען געווען פאָלגנדע:

1) אָרגאַניזירן דעם צוריקקער פון די היימלאָזע אויף זייערע ערטער.

2) אונטערשטיצן מיט געלט די פערזאָנען, וואָס ווילן זיך אומקערן אויף בויען און רעמאָנטירן וואוינונגען.

3) אָרגאַניזירן אין די דערמאָנטע שטעטלעך דעם קהלה-לעבן, גרינדן שולן צו לערנען קינדער און אַנדערע געזעלשאַפטלעכע אַנשטאַלטן.

4) קומען אין פאַרבינדונג מיטן צענטראַלן אונטערשטיצונגס - קאָמיטעט אין ווילנע (פאָרזיצער ראַבינער רובינשטיין) און אַנדערע הילפס-קאָמיטעטן, צו באַקומען פון זיי געלט און פאַרטיילן דאָס געלט.

5) צו זיין די פאָרשטייערשאַפט פון די היימלאָזע פאַר דער דייטשער ציווילער מיליטערישער מאַכט.

איך, אַלס אַ קאָרעליטשער, האָב זיך מער אינטערעסירט מיט מיין שטעטל.

דאָס ערשטע איז געווען אויסצוגעפינען אַ פּאַסנדן מענטשן- מאַטעריאַל, אַזוי צו זאָגן א מין „החלוץ", פאַמיליעס אַרבעטספעאיקע, צוגעוויינטע צו שווערער אַרבעט, באַזונדערס ערד-אַרבעט, און וועלכע באַזיצן אַביסל פּראָדוקטן (תבואה, קאַרטאָפל א. א.) און אויך פערד אָדער קי. די גאַנצע געגנט אַרום קאָרעליטש, אין אַ קרייז פון איבער 10 קילאָמעטער אַרום און אַרום, איז געווען אַן אמתער מדבר, מיט ניט באַאַרבעטע פאַר דער גאַנצער צייט, פעלדער, חרובע ישובים (בתוכם אויך די שטעטל אַליין) און טיילווייז אויך אויסגעהאַקטע וועלדער און אפילו פּרוכטסעדער. די געקומענע האָבן געמוזט דעריבער מיטברענגען צום עסן ביז צו דער נייער גערעטעניש. זיי האָבן אויך געמוזט זיין גרייט צו זייער אַ שווערער אַרבעט פון באַאַרבעטן אַ פאַרלאָזטן און מיט דערנער און ווילדע גראָזן באַוואַקסענעם באָדן און פון שאַפן זיך וואוינונגען אין די עטלעכע פאַרבליבענע חורבות אין שטעטל.

אונזער אויסוואַל איז געפאַלן אויף אַן ערך אַ צענדליק פאַמיליעס, וועלכע האָבן זיך די גאַנצע צייט פון אַרויסשיקונג געפונען אין די דערפער אַרום נאָוואָגרודאָק. די פאַמיליעס זיינען געווען די פּאַסיקסטע צו זיין דער „החלוץ", ווייל זיי האָבן געהאַט די אַלע פריער אויסגערעכנטע מעלות. כדי צו באַוועגן זיי צום איבערפאָרן און אויך כדי צו אויספירן ביים קאָמענדאַנט, אונטער וועמעס ממשלה זיי האָבן זיך געפונען, פאַרשיידענע הנחות און פאַרלייכטערונגען, וועלכע זאָלן זיי מעגלעך מאַכן דאָס פאַרלאָזן פון זייערע ביז איצטיקע ערטער, בין איך מיט נאָך אַ מיטגליד פון קאָמיטע[illegible] אַרויסגעפאָרן אין די דערפער.

די פאַרלאַנגטע הנחות און פאַרלייכטערונגען זיינען באַשטאַנען אין פאָלגנדעם: 1) אַרויסגעבן זיי זייער תבואה-ראַציאָן אויף 3 חדש"ם פאָראויס (ביז דער נייער גערעטעניש); 2) ערלויבן זיי אַרויסצופירן זייערע פערד, קי, קעלבלעך א. א.; 3) ערלויבן זיי צו קומען צו שניט-צייט אָראָפּצונעמען די פון פאָריקן יאָר פאַרזייטע קאָרן און אויסגראָבן די שוין אין דער יאָר (מיר האָבן זיי באַזוכט אין אָנהויב מאַי 1918) פאַרזעצטע קאַרטאָפל; 4) געבן זיי אומזיסטע פורן אויף אַריבערצופירן זייער ווירטשאַפט אין קאָרעליטש.

דער קאָמענדאַנט, צו וועמען מיר האָבן זיך געדאַרפט ווענדן, איינער אַ מיעכאָוו, האָט געשמט אין גאַנצן קאַנט פאַר אַ רשע און אַ רוצח. אונטער אים איז געווען אונטערגעוואָרפן זייער אַ גרויסע געגנט (איבער 40 ישובים). ער פלעגט זיך איזדיעקעווען איבער דער באַפעלקערונג, אָן אָפּרו טרייבן אויף צוואַנגס-אַרבעט, פאָרן קלענסטן עובר זיין אויף זיינע ספּעציעלע פאַרבאָטן שלאָגן מכות-רצח. דערביי, אָבער, האָט ער געהאַט איין מעלה: זיינע היימלאָזע—דער גרעסטער טייל יידן—האָט ער באַזאָרגט מיט דירות און אויך מיט אַ שטענדיקן ראַציאָן, וועלכן זיי האָבן פּינקטלעך די גאַנצע צייט באַקומען.

מען האָט אונז געניג אָנגעשראָקן אין דאָרף מיט זייער שלעכטן קאָמענדאַט. און ווירקלעך, ווען מיר זיינען גאַנץ פרי געקומען אין זיין „רעזידענץ", אַ שיינעם פּריצישן פּאַלאַץ אינמיטן אַ סאָד, און מיר האָבן דערזען די גרויסע מאַסע ווייסרוסישע פויערים, וועלכע זיינען געשטאַנען מיט אַן אויסדרוק פון שרעק אויף זייערע פּנימער, דערוואַרטנדיק דעם קאָמענדאַנטס „געריכט" (ער איז אויך געווען דער שופט) פאַרן עובר זיין אויף פאַרשיידענע זיינע פאַרבאָטן; זיינע „בורשן", וועלכע האָבן געשלאָגן מיט זייערע נאַהאַיקעס אויף לינקס און אויף רעכטס פאַרן מפּלומרשטן ניט שטיין אין אָרדענונג, און, לסוף, דערהערנדיק זיינע ווילדע געשרייען, וועלכע האָבן זיך געטראָגן פון דערווייטנס, ווי אַ בילן פון אַ שטאַרק צורייצטן הונט, איז אונז געוואָרן שטאַרק אומהיימלעך.

דערזעענדיק אונז, האָט ער, ווי ס'ווייזט אויס, גלייך באַמערקט, אַז מיר זיינען „פרעמדע", שטאָטישע, און האָט אונז גלייך אַריינגערופן אין זיין קאַנצעליאַריע,

אויסגעהערט אונז און צוגענומען די שריפטלעכע ביטע. שפעטער מיט א חודש, אז אייניקע פון די דארפישע פאמיליעס האבןווירקלעך איינע פון די ערשטע זיך איבערגעצויגן קיין קארעליטש, האט זיך ארויסגעוויזן, אז מיר האבן יא עפעס גפועלט מיט אונזער שליחות.

.2

דער מעמאראנדום פארן צ. ק. אין ווילנע. — די מעלדונג פון דער דייטשער אייבע-קאמאנדע וועגן ארויסגעבן האלץ אויף בויען הייזער.

נאך פריער פאר דעם, אין אפריל 1928, האב איך צוזאמענגעשטעלט א מעמאראנדום פארן צענטראלן אונטערשטיצונגס-קאמיטעט אין ווילנע וועגן דער מעגלעכקייט פון צוריקקערן זיך פון א טייל היימלאזע פון נאוואגרודאק אויף זייערע אלטע ערטער און אויך אן אויספירלעכע באשרייבונג פון זייער לאגע און געבעטן געלט אויף דעם צוועק. דער מעמאראנדום איז דורכן צענטראל-קאמיטעט איבערגעשיקט געווארן אין דער (לייטער לט. Ob-Ost Abteilu g 5 דר. שטרוק).

דעם 30 מאי 1918 האט אונז דער צענטראל-קאמיטעט איבערגעשיקט א מעלדונג פון דער אויבערקאמאנדע פון דער 10-טער ארמיי (דאטירט דעם 27 מאי), אין וועלכער ס'באשטעטיקט זיך די דערהאלטונג פון אויבנדערמאנטן מעמאראנדום און א מיטטיילונג, אז אלע באטרעפנדע מאכט-ארגאנען פון די פונקטן, וואס ווערן דערמאנט אין אונזער מעמאראנדום, (אויסער די, וואס ליגן אין שפער-געביט) האבן באקומען אן אנווייזונג ארויסצוגעבן בוי-האלץ די צוריקוואנדערער אויף בויען זייערע הייזער.

אט איז די מעלדונג:

Armee-Oberkommando
der 10 Armee
I Va 69 30/8289/18.

A. H. Qu. den 27. 5. 18.
Deutsche Feldpost 671.

Das am 5. 5. 18 an Obost Abt. V z. H. des Herrn Lt. Struck gerichtete Gesuch ist hierher abgegeben worden. Die in Frage kommenden Dienststellen sind angewiesen, den Rückwanderern, soweit das Sperrgebiet nicht in Frage kommt, Holz zum Wiederaufbau ihrer Häuser zur Verfügung zu stellen.

Von seiten des Armee-Oberkommandos.
Der Oberquartiermeister.

Unterschrift
Oberleutnant.

.3

די ערסטע שטיצע פון צ. ק. - קארעליטש און אומגעגנט אין מאי 1918. — די „פייער-זאנע". — א רעלעגאציע פון קאמיטעט באזוכט די שטעטל און געפינט שרעקלעכע חורבנות.

דעם 15-טן מאי 1918, מיט צוויי טעג פריער, איידער אונזער קאמיטעט איז באשטעטיקט געווארן, האבן מיר דערהאלטן פון צ.-ק. 15000 דייטשע מארק פאר די צוריק-וואנדערער אויף ערד-ארבעט און ווידער-אויפבוי פון די צעשטערטע הייזער אין די שטעטלעך: ליובטש, קארעליטש, דעליאטיטש און ניישטאט, אזוי, אז מיר האבן שוין געהאט ביי דער באשטעטיקונג פון קאמיטעט א געוויסע סומע צו פירן די ארבעט.

אבער בנוגע דעם צוריקקער פון די קארעליטשער היימלאזע, ווי ס'איז אונז מיטגעטיילט געווארן, איז געווען צו דערווארטן שטערונגען מצד דעם דארטיקן דייטשן קאמענדאנט. הרב קראקאווסקי, איך און נאך 1 פארשטייער פון קארעליטש האבן באקומען א שיין צו פארן אהין זיך פארשטענדיקן מיטן קאמענדאנט.

שוין א 12 קמ. פאר קארעליטש איז קאנטיק געווען די פארוויסטונג, וואס די מלחמה-יארן האבן אנגעמאכט. פוסטע, האלב-פארברענטע דערפער, וויסטע מיט הויכע, דיקע גראזן, דערנער און קראפיווע באדעקטע פעלדער. ערטערווייז זיינען אויסגעוואקסן אויף די פעלדער גאנצע וועלדלעך פון בעריאזעס און טאפאלן.

עס איז געווען א ליכטיקער, ווארימער מאי-פרימארגן, און מיר, וועלכן עס איז גוט באקאנט געווען די גאנצע געגנט ארום און ארום, איז עס מאדנע וואונדערלעך פארגעקומען, וואס עס הערשט אין דער צייט יאר אזא טויטע שטילקייט ארום, עס הערט זיך ניט אפילו קיין פיפס פון א זינג-פייגעלע, נאר קראעס זיצן אויף די בוימער ביי די זייטן פון וועג און גלאצן אן די פארבייגייער, אן אמתער מדבר...

אן 8 קילאמעטער פאר קארעליטש איז ביי דער זייט פון וועג אויף א סלופ געהאנגען א שילד מיט אן אויפשריפט אין 2 שפראכן: אין דייטש און רוסיש. דעם רוסישן טעקסט פון אויפשריפט געדענק איך נאך איצט. עס האט געהייסן: „Кто переступитъ эту линію, тотъ безъ предостереженія будетъ разстрѣлянъ".

פון דעם ארט האט זיך אנגעהויבן, ווי עס האט דעמאלט געהייסן, די „פייער-זאנע". 3 קילאמעטער פאר קארעליטש האבן זיך אנגעהויבן באוויזן די ערשטע בעטאנענע טראנשייעס, און די לעצטע 2 קילאמעטער זיינען מיר דורכגעפארן דורך א גרויסע צאל דראט-פארצאמונגען. ביים אריינפאר אין שטעטל האט אונז אפגעהאלטן א סאלדאט מיט א ביקס, וועלכער האט אונז געהייסן פארן צוריק אין הויף, וואו עס געפינט זיך דער קאמענדאנט און די „דינסט-שטובע".

אזוי ווי דעם קאמענדאנט האבן מיר ניט געטראפן אין דער היים, האבן מיר אויסגעפועלט ביי די שרייבער אין דער „דינסט-שטובע" ביז זיין צוריקקומען אן ערלויבעניש, אין דער באגלייטונג פון א סאלדאט, ארומצוקוקן די שטעטל.

איך האב געוואוסט וועגן חורבן פון דער שטעטל, מפי השמועה, אבער, ווי ס'ווייזט אויס, איז זען ניט גלייך צו הערן. דאס גאנצע שטעטל מיט די עטלעכע איינזאם-פארבליבענע חורבות, מיטן מארק, וואס איז פארוואקסן מיט אן אייל-הויכן גראז, מיט די וועלדלעך „אסיניק" אויף די פלעצער און הויפן, מיטן אפענעם פון אלע זייטן בית-עולם אינמיטן וויסטן שול-הויף, אויף וועלכן עס האבן ארומגעבלאנדזשעט פארווילדעטע קעץ, וואס האבן בייז געקריצט מיט די ציינער, ביים דערנענטערן זיך צו זיי, גרייט איינצובייסן, און פלוצלונג, דערשרעקנדיק זיך, אנטלויפן און זיך באהאלטן אין די אוהלים אויפן בית-עולם; אפילו די לאווע פון שול-הויף ביזן באד, וועלכן די דייטשן האבן אויסגעלייגט פון די שטיינערנע מצבות, אויסגעבראכענע פון די קברים, — דאס אלץ צוזאמען האט אויף מיר געמאכט אזא שרעקלעכן רושם, אז איך האב זיך אינגאנצן פארלארן. הרב קראקאווסקי, פילנדיק אין וואסער צושטאנד איך געפין

זיך, האָט מיר אַלץ געטרייסט און גערעדט וועגן שנעלן אָפּבויען זיך פון שטעטל. ביי יענער צייט האָט זיך דאָס ניט געקאָנט גלויבן, וואָס עס איז איצט, אין 6 יאָר אַרום געוואָרן אַ ווירקלעכקייט.

אויף דער לאַנגער גאַס, וואָס פירט צום פּראָנט, איז פאַרבליבן נאָר איין חורבה פון אַ בנין. אַלע איבעריקע הייזער פון דער גאַס מיטן גאַנצן גרויסן קריסטלעכן קוואַרטאַל, וואָס ציט זיך נאָך איר, איז געווען אַראָפּגעטראָגן. אין פאַרשיידנאַרטיקע זיגזאַגן האָבן איר אומצייליקע מאָל איבערגעהאַקט גראָבנס און טיפע גאַנגען, פאַרוואַקסענע פוןביידע זייטן מיט קראָפּיווע און ווילדע גראָז. די גאַנצע גאַס און אַרום איר און ווייטער, ביז וויט די אויג האָט געכאַפּט, האָט געשאַפן דעם איינדרוק פון אַ ווילדן, מיט אָקאָפּעס און לעכער דורכגעגראָבענעם קוסטאַרניק.

### .4

די דעלעגאַציע ביים קאָרעליטשער קאָמענדאַנט און ראַיאָן-אָפּיצער. — אַ דייטשער פּאַסטאָר אין שול ביים דאַווענען. — קאָרעליטשער יידן זוכן זייערע ספרים. — די פּראַוואָסלאַווע צערקווע און די בתי-מדרשים. — דער קאָמענדאַנט פירט ווייזן די יידישע ספרים — און מען געפינט צערקווע-ביכער.

דער קאָמענדאַנט האָט אונז אָפּגעשיקט צום ראַיאָן-אָפּיצער, וועלכער האָט זיך געפונען אין אַ הויף 6 קמ. פון קאָרעליטש. ער אַליין האָט ניט געקענט דערליידיקן די פראַגע וועגן דערלויבן די היימלאָזע אומקערן זיך.

איידער מיר האָבן פאַרלאָזן די שטעטל, האָט זיך מיר געוואָלט אויפקלערן נאָך אַ וויכטיקע פראַגע, וועלכע האָט אָנבאַלאַנגט פיל פריערדיקע איינוואוינער פון קאָרעליטש. אונזער שטעטל האָט פאַר דער מלחמה פאַרמאָגט אַ שפּאָר ביסל לומדים. ביי יעדערן פון זיי איז געווען אַ שיינע ביבליאָטעק ספרים (ש״ס, שו״ת, דרוש-ספרים א. א.), וועלכע מען האָט ניט באַוויזן אַרויסצופירן. ס'זיינען אויך פאַרבליבן אין שטעטל פיל אַנדערע ספרים (העברעאישע און רוסישע).

יום-כפור תרע״ז איז צווישן די דייטשע באַזוכער אין דער שול געווען אויך אַ פּאַסטאָר, וועגן וועלכן מיר האָבן זיך צופעליק דערוואוסט, אַז ער געפינט זיך אויפן פראָנט אין קאָרעליטש. אָט צו דעם פּאַסטאָר האָבן זיך אייניקע קאָרעליטשער יידן געווענדעט וועגן גורל פון זייערע ספרים. דעם 1-טן אָקטאָבער 1917 האָבן מיר פון אים באַקומען אַ בריוו, אַלס ענטפער אויף דער דערמאָנטער ווענדונג. דער בריוו האָט אונז אַריינגעגעבן, כאָטש ניט זייער קיין קלאָרע, אָבער דאָך



אַ האָפענונג, אַז די ספרים זיינען ערגעץ וואו אויסבאַהאַלטן און באַשיצט געוואָרן פון פאַרניכטונג.

איך האָב באַוויזן דעם בריוו דעם קאָמענדאַנט, און גלייך האָט ער אַרויסגענומען שליסלען, איבערגעגעבן זיי דעם עלטסטן שרייבער און געהייסן פירן מיר צו דעם אָרט, וואו די ביכער זיינען. דער שרייבער האָט מיר צוגעפירט צו דער טיר פון דער פּראַוואָסלאַוונער צערקווע, אָפּגעשלאָסן דעם שווערן הענגשלאָס און מיר זיינען אַריין אינעווייניק. שטיקלעך גלאָז אויף דער פּאָדלאָגע פון אַ פּאָר אין קופּאָל צעבראָכענע שויבן, אַ ברעטל פון סופיט האָט זיך אָפּגעריסן פון איין זייט און הענגט אויפן צווייטן עק, גרייט יעדע ווייַלע אַראָפּצופאַלן — און ווייטער קיין שפּורן פון אַ חורבן... אַזוי ווי מיט אַ פּאָר טעג צוריק וואָלטן דאָ נאָך געווען די בעלי-בתים. אַלע הייליקע בילדער שטייען אין דער בעסטער אָרדענונג אין אַלטאַר, די גלעזער פון די בילדער זיינען אַפילו ניט זייער שטאַרק באַשטויבט. וואָס פאַר אַ קאָנטראַסט צו די פאַרבליבענע 3 חורבות פון די יידישע בתי-מדרשים, מיט די אַרויסגענומענע טירן, פענסטער, צופירטע אויוונס, אויסגעהאַקטע פון אינעווייניק ווענט, דיל און סופיט, אויסגעזעגטע באַלקנס. די בתי-מדרשים אַליין האָבן געדינט אַלס שטאַלן פאַר פערד, און הויכע קופּעס מיסט האָבן שווער געמאַכט דעם אַריינגאַנג אין זיי.

די ביכער, וועלכע האָבן גענדאַרפט זיך געפינען אין די אַלמערס הינטערן אַלטאַר, זיינען געווען ניט מער און ניט ווייניקער ווי אַ פּאָר אַלטע דיקע צערקווע-ביכער אויף „צערקאָווני סלאַוויאַנסקי". די יידישע ספרים האָבן זיך נאָך ביז היינט ניט געפונען, און געוויס זיינען זיי פאַרנוצט געוואָרן פון די סאָלדאַטן צום הייצן אין די טראַנשייעס אָדער צו נאָך ערגערע צוועקן.

### .5

די דעלעגאַציע ביים קרייז-ווירטשאַפטס-אָפיצער. — די ניט קלאָרע דייטשע תשובה. — דער איבערבראָך אין דער דייטשער אָקופּאַציע-תקיפות. — בעסער סאָן, איידער פרעגן. — די ערשטע פיר פאַמיליעס קומען צוריק קיין קאָרעליטש. — די שטרענגע פאַראָרדענונג פון דער גענעראַל-קאָמאַנדע וועגן פאַרבאָט אומצוקערן זיך קיין קאָרעליטש, ליובטש, דעליאַטיטש און נייִשטאָט, וועלכע ליגן אין דער שפּער-זאָנע. — די דייטשע פאַראָרדענונגען פאַרלירן אָבער פּאַקטיש זייער פריערדיקע קראַפט. — די צענטראַלע מאַכט שטערט און די אָרטיקע דייטשן העלפן. — די רעעוואַקויציע וואַקסט.

דער ראַיאָן-אָפּיצער האָט אונז איבערגעשיקט צום קרייז-ווירטשאַפטס-אָפיצער,





לאַנגע-בעקמאַן, וועלכער האָט זיך געפונען אין אַ הויז לעבן דער שטעטל ניישטאָט (נעגנעוויטש). מיר האָבן אים באַזוכט אויפן צווייטן טאָג. אין אונזער אַנוועזנהייט האָט ער זיך צונויפגערעדט טעלעפאָניש מיטן שטאַב פון פּאָלק, און האָט אונז געזאָגט, אַז אַן ענדגילטיקע תשובה וועלן מיר ערשט קענען באַקומען אין אַ פּאָר טעג אַרום.

די תשובה איז אָנגעקומען, אָבער איר קלאָרן אינהאַלט געדענק איך ניט, ניט ווייל איך האָב געקענט פאַרגעסן אַזאַ זאַך, וואָס איז אין יענער מינוט געווען זייער וויכטיק פאַר אונז. נאָר פּשוט: פון די אונטערהאַנדלונגען מיט די דייטשע מאַכט-פאָרשטייער און פון זייערע ניט קלאָרע רייד און ענטפערן האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז ביי דער צייט איז גלייכער עס גאָרניט צו פרעגן, און בעסער איז צו טאָן און שטעלן זיי פאַר אַ פאַקט. די דייטשן פון זומער 1918 זיינען שוין ניט געווען דיזעלבע פון האַרבסט 1915 אָדער אַפילו פון זומער 1917. מיר, וועלכע זיינען אין משך פון עטלעכע יאָר געווען דערדריקט דורך זייער אומברחמנותדיקע, אויפן העכסטן גראַד קאָנסעקווענט-דורכגעפירטע אָקופּאַציאָנס-געזעצן, וועלכע האָבן אָפּגעטויט דעם גאַנצן לעבן פון ציווילן יחיד און ציווילער געזעלשאַפט, האָבן ניט געקענט קלאָר תופס זיין דעם איבערבראָך וואָס איז דאָ פאָרגעקומען. מיר האָבן, אָבער, אינסטינקטיוו דערפילט, אַז עס קומט פאָר אַן אָפּשוואַכונג אין אַלע ריכטונגען, וועלכע מען קען אָן קיין חשש פון יעטווידער געפאַר פאַר די פאָלגן אויסנוצן. די פּראַקטיק האָט באַשטעטיקט אונזער השערה.

אויף שבועות תרע״ט זיינען אַריינגעפאָרן אין קאָרעליטש די ערשטע פיר פאַמיליעס פון די דערפער אַרום נאָוואָגרודאָק. נאָך די ערשטע פאַמיליעס האָבן אין משך פון זומער זיך אַריינגעצויגן נייע פאַמיליעס, אַזוי, אַז צום האַרבסט 1918 האָבן זיך שוין געפונען אין קאָרעליטש איבער 30 פאַמיליעס.

אָבער נאָך דעם 31-טן מאַי 1918 האָבן מיר אויף אונזערע 4 ווענדונגען צו דער נאָוואָגרודקער קאָמענדאַנטור וועגן: 1) אַרויסגעבן בוי-האָלץ די היימלאָזע, וואָס האָבן זיך צוריקגעקערט אין די 4 שטעטלעך; 2) אַרויסגעבן ברעטער פון דער מיליטערישער זעג-מיל ביי נאָוואָגרודאָק פאַר דעמזעלבן צוועק; 3) וועגן ערלויבן אַריבערפירן דעם בוי-מאַטעריאַל מיטן באַן (קליינבאַן) און 4) אויסשרייבן פאַר אונז די בוי-מאַטעריאַלן, וועלכע עס איז שווער צו קריגן אין נאָוואָגרודאָק

(נעגל, טאָל, גלאָז, ציגל, דאַכלק עס, בלעך א. א.), באַקומען פון דער גענעראַל-קאָמאַנדע פון אַ לאַנדווער-קאָרפּוס (דער נומער פון קאָרפּוס איז ניט געווען אָנגעגעבן) אַ מאַט-ווירטן אָפּזאָג אויף אַלע 4 פונקטן. די הקדמה צו דעם אָפּזאָג איז געווען נאָך ערגער. עס האָט געהייסן דאָרטן:

„די אַלע אָנגערופענע שטעטלעך ליגן אין דער שפּער-זאָנע (צווישן דער 1-טער און 2-טער פּאָזיציע), וואוהין, — אויסער ווען אין אייניקע ווייניקע פאַלן צוליב באַזונדערע טעמים וועט געמאַכט ווערן אַן אויסנאַם פון דער גענעראַל-קאָמאַנדע,— דער צוריקקער פון די היימלאָזע איז אינגאַנצן פאַרבאָטן.“

דערביי אָבער, האָט די ג. ק. גרויסמוטיק מוסיף געווען, אַז זי „רעכנט ניט וועגן אַן עוואַקואירונג פון די היימלאָזע, וועלכע, ווי עס שיינט איר, האָבן זיך שוין צוריקגעקערט אין דער שפּער-זאָנע אָן אַן ערלויבעניש, ווי ווייט פאַר אַזעלכע היימלאָזע זיינען פאַראַנען וואוינונגס-מעגלעכקייטן. די יעניקע היימלאָזע, אָבער, פאַר וועלכע עס פעלן וואוינונגען, דאַרפן פון שפּער-זאָנע אַרויסגענומען ווערן און באַזעצט ווערן מערבדיק פון איר. אַ ווייטערער צופלוס פון נייע היימלאָזע אין דער שפּער-זאָנע איז פאַרבאָטן.“

מ'קען פאַרשטיין, מיט וואָס אַזאַ באַפעל פון דער ג. ק. צום „מיליטער-קרייז נאָוואָגרודאָק נאָרד“ האָט געשמעקט. אפשר פאַר צוויי פאַמיליעס אין קאָרעליטש איז געווען אַ מעגלעכקייט איינצואָרדענען פאַר זיך אַ פּרימיטיווע וואוינונג אין דער איינציקער שטוב, וואָס עס איז געבליבן אין אַ בעסערן צושטאַנד פון די אַנדערע חורבות און מען האָט איר פיל ווייניק געקענט רעמאָנטירן. נאָך ערגער איז געווען די לאַגע אין ליובטש און איבערהויפּט איז לויט דער פאַראָרדענונג פון דער ג. ק. פון דעם 31-טן מאַי אָן געווען פאַרבאָטן אַריינצופאָרן נייע פאַמיליעס אין די שטעטלעך.

נאָר, ווי שוין אויבן געזאָגט, האָבן די דייטשע פאַראָרדענונגען פאַרלאָרן זייער פריערדיקע קראַפט און זיינען ניט אויסגעפירט געוואָרן אין לעבן פון די נידעריקערע באַאַמטע.

די סאָלדאַטן און אפילו די אָפיצערן זיינען געווען זייער צופרידן פון דעם, וואָס מענטשן באַזעצן זיך לעבן פריערדיקן פראָנט. אין דעם חרובדיקן געביט, וואו עס איז איין לעבעדיקער ציווילער מענטש ניט געווען, איז דער זייער קליינער צאָל דייטשע סאָלדאַטן און געציילטע אָפיצערן געווען שרעקלעך לאַנגווייליק און אומעטיק, בפרט, אַז ביים פראָנט איז כמעט קיין אַרבעט פאַר זיי ניט געווען. די דייטשע אַרמיי איז שוין לאַנג געשטאַנען ווייט אויף מזרח ביי אָרשע. זיי האָבן אויסער דעם אומגעוויינלעך געליטן, וואָס האָט זיי אויסגעפעלט די נייטיקסטע פּראָדוקטן (מילך, אייער, פוטער, פלייש א. א.). זיי האָבן געהאָפט, אַז ביי אַן אויפלעבונג פון קאַנט, וועט זיי אויך גרינגער ווערן דער לעבן.

זיי האָבן טאַקע פיל מיטגעהאָלפן די היימלאָזע ביים רעמאָנטירן און בויען און ביים באַאַרבעטן דעם באָדן, איבערהויפּט נאָך, אַז עס האָט זיך געעפנט דורכדעם פאַר זיי אַ באַדייטנדער מקור פון פאַרשיידענע הכנסות. די אָפיצערן און זאָגאַר איינפאַכע סאָלדאַטן, וואו זיי האָבן ניט געהאַט קיין העכערע פון זיך, האָבן גענומען פאַרקויפן די געקומענע היימלאָזע די געהילץ און ברעטער פון די טראַנשייעס. דערביי האָבן זיי אויך מיטגעהאָלפן אין דער שווערער אַרבעט אַרויסצוקריגן דעם האָלץ-מאַטעריאַל פון אונטער די הויכע בערג אָנגעשאָטענע ערד, מאַסן שטיינער און דיקן אָנגעגאָסענעם בעטאָן. דאָס איז געווען אַן אַרבעט, וואָס האָט געפאָדערט אויסערגעוויינלעכע אָנשטרענגונגען, געדולד און פיזישע קראַפט. די קרעפטיקע „מיכלען“ זיינען דאָ די היימלאָזע גוט צוניץ געקומען. די שווערע אַרבעט ביים פונאַנדערנעמען די טראַנשייעס האָט אָבער גוט באַלוינט: פאַר פאַרהאַלטניסמעסיק גאָר קליינע געלט האָט מען אָפטמאָל באַקומען אַ גרויסן סכום געהילץ, ברעטער, אַמאָל אויך ציגל, צוויעקעס, אייזן, טירן, פענסטער אא"וו. די דייטשן האָבן אויך פאַרדונגען זייערע פערד די היימלאָזע אויף צו אַרבעטן ביי די געביידעס אָדער אין פעלד. אַנדערע האָבן באַוויזן צו איינשאַפן זיך דורך זיי בוי-מאַטעריאַל פון די נאָענטע וועלדער.

אין דערזעלבער צייט, ווען די דייטשן אויף די ערטער האָבן, אַזוי צו זאָגן, געהאָלפן די היימלאָזע אין שטאָט און פעלד, האָבן מיר פון דער העכערער מאַכט גאָרניט זיך ניט געקענט דערשלאָגן.

אַלע אונזערע ווענדונגען און ביטעס זיינען אָפּגעזאָגט געוואָרן. אַזוי, למשל, האָט מען אונז אָפּגעזאָגט צו ערלויבן טראַנספּאָרטירן פון די נאַליבאָקער וועלדער איבערן ניעמאַן קיין לובטש און דעליאַטיטש דעם מאַטעריאַל פון די פאַרטיקע הילצערנע געביידעס, וועלכער דער רוסישער פראָנט האָט נאָך זיך דאָרטן איבערגעלאָזן אין אַ גרויסער צאָל, און וועלכע מיר האָבן גערעכנט אָפּצוקויפן ביים אייגנטימער פון די דאָזיקע וועלדער פאַר די ליובטשער און דעליאַטיטשער היימלאָזע. אויף אונזערע ווענדונגען צום ווירטשאַפטס-אַמט וועגן ערלויבן די היימלאָזע פון קאָרעליטש צו פיטערן די פי און שניידן גראָז פון די לאָנקעס, כדי אָנצוגרייטן שפּייז אויף ווינטער פאַר די פי, אויך צו געבן די זעלבע היימלאָזע ערד אויף צו זייען קאָרן פון די טויזנטער מאָרגן לאָנקע און פעלד פון דעם דאָרטיקן פריצישן הויף, וועלכע זיינען געלעגן ניט באַאַרבעט, פוסט און וויסט, און דערצו נאָך ווילד פאַרוואַקסן מיט מיסט-גראָזן, וואָס האָט געפאָדערט אַ שווערע אָנגעשטרענגטע אַרבעט צו ברענגען זיי אין אַזאַ מצב, אַז מען זאָל זיי קענען פאַרזייען (דערביי איז נאָך געווען זייער שווער אַראָפּצושניידן און אויפזאַמלען היי פון די אין משך פון 3 יאָרן פאַרלאָזטע לאָנקעס, דורכגעגראָבענע מיט אָקאָפּעס און בוכשטעבלעך איינגעוויקלטע אין שטעכיקן דראָט), — האָט דער ווירטשאַפטס-אַמט ניט געפונען קיין גינסטיקערן ענטפער, ווי אָנצווייזן אונז, אַז מיר זאָלן זיך ווענדן צום פאַר דעם-מלחמהדיקן אויפזעער פון דעם קאָרעליטשער הויף אין די אויבנגעבראַכטע ענגעלעגנהייטן, באַשטימענדיק פאַר יענער צייט און די שווערע דעמאָלסטיקע פאַרהעלטענישן אַ צו הויכן אַרענדע- און קויף-פרייז (15 מאַרק פאַר 1 מאָרג פעלד צום פאַרזייען קאָרן און 15 מאַרק פאַר 1 מאָרג היי). די היי איז נאָכדעם סיי ווי סיי געגאַנגען פאַרלאָרן, ווייל דער הויף האָט עס ניט געשניטן.

מען האָט אונז אויך ניט אַרויסגעגעבן קיין רייזע-שיינען פאַר די קאָמיטעט-מיטגלידער, וועלכע האָבן געוואָלט באַזוכן אייניקע גרעסערע יידישע שטעט אין אוקראַינע און אין דעם טייל פון רוסלאַנד, וואָס איז דעמאָלט געווען פאַרנומען פון די דייטשן, און זאַמלען דאָרט געלט פאַר די היימלאָזע.

די צענטראַלע מאַכט האָט ניט נאָר פאַרלייכטערט, נאָר זי האָט נאָך דורך אומזיניקע פאַראָרדענונגען פאַרשווערט דעם לעבן פון די היימלאָזע. אַ קאָרעליטשער איינוואוינער, למשל, אַז ער האָט געדאַרפט גיין אָדער פאָרן קיין נאָוואָגרודאָק האָט ער געמוזט פריער זיין ביי איין אָפיצער 6 קמ. ווייט פון קאָרעליטש און דערנאָך ביי אַ העכערן אָפיצער, וועלכער האָט זיך געפונען 10 קמ. פון דעם ערשטן, אָן אַ זייט פון דעם טראַקט קאָרעליטש—נאָוואָגרודאָק, און דאָרט האָט ער ערשט באַקומען דעם שיין. אונזער אינטערווענץ וועגן דעם האָט ניט געהאָלפן.

נאָר, ווי פריער געזאָגט, האָט מען זיך באַמיט אַרומגיין אַלע פּאַפּירענע גזירות און תקנות און זעלטן ווען מען האָט באַצאָלט דערפֿאַר.

.6

ווייטערדיקע שטיצע פון ווילנער צ. ק. — שטיצע פון ה' שטרוק. — הילף פון מינסק, פון שטעטלעך פון מינסקער, ווילנער און גראָדנער גובערניע. — די ווענדונגען צו „אגודת ישראל" און בערלינער „הילפספעראיין" ברענגען ניט קיין רעזולטאַטן. — די קאָרעספּאָנדענץ פון קאָמיטעט.

דעם 11-טן יוני 1918 האָבן מיר באַקומען ווייטערדיקע 25.000 דייטשע מאַרק פון ווילנער צענטראַל-קאָמיטעט.

דעם 26-טן אָקטאָבער 1918 האָבן מיר באַקומען 2.000 דייטשע מאַרק פון הערמאַן שטרוק ספּעציעל אויף לערנען קינדער פון די אָרימע היימלאָזע.

דעם 2-טן דעצעמבער 1918 (אַן ערך 3 וואָכן פאַרן אָפּטרעטן פון די דייטשן און פאַרנעמען אונזער געגנט דורך די באָלשעוויקעס) האָבן מיר באַקומען פון צ. ק. די לעצטע 2.000 דייטשע מאַרק.

חוץ דעם, האָבן מיר באַקומען געלט פון אַ ריי פּערזאָנען פון מינסק (געזאַמלט דורך הרב מ. אַבאָוויטש און ג. באַקאַלטשוק) און פון אייניקע קלענערע שטעטלעך פון מינסקער גובערניע (געזאַמלט דורך ז. קליאַטשקין און מ. יאָסעלעוויטש), וואוהין מיר האָבן ספּעציעל דעלעגירט צו דעם צוועק די אָנגערופענע מיטגלידער פון אונזער קאָמיטעט.

קלענערע סומעס האָבן מיר אויך באַקומען צוגעשיקט פון 3 שטעטלעך פון ווילנער גובערניע (ראַדון, שטשוטשין און וואָראָנאָווע) און פון 1 שטעטל פון גראָדנער גובערניע (לונע).

מיר האָבן זיך געווענדעט נאָך הילף וועגן אויפבויען די רעליגיעזע אַנשטאַלטן צו דער „אגודת ישראל" אין פראַנקפורט אויפן מיין. נאָר אויסער גוטע הבטחות אויף לעתיד האָבן מיר פון דאָרט גאָרנישט באַקומען.

פון די אויסלענדישע הילפס-חברות האָבן מיר זיך געווענדעט צום „הילפספעראיין" אין בערלין, אָבער מיר האָבן קיין ענטפער ניט באַקומען.

דאָ מוז באַמערקט ווערן, אַז אונזער גאַנצע קאָרעספּאָנדענץ האָט זיך געפירט אין דער דייטשער שפּראַך, און זי איז געגאַנגען דורך דער דייטשער קאָמענדאַטור, ווייל קיין פּאָטשט איז ביי אונז ביזן סאַמע אָפּטרעטן פון די דייטשן ניט געווען.

.7

די הילפסאַרבעט פון קאָמיטעט. — די שטיצע אין די שטעטלעך.

די אייגנטלעכע הילפס-אַרבעט פון קאָמיטעט, ד. ה. פעסטשטעלן וועמען אַרויסצוגעבן שטיצעס און פאַרטיילן זיי, האָט זיך אָנגעהויבן דעם 22-טן מאַי 1918. די גרעסטע שטיצע אויף צו בויען אַ שטוב איז לכתחילה באַשטימט געוואָרן אויף 200 דייטשע מ. און נאָכן דעם אויף 300 מ. אַרויסצוגעבן אין 2 ראַטעס. אויף צו אַרבעטן פעלד אָדער זייען אַ גאָרטן 40 מ. שפּעטער האָט מען אָנגעהויבן אַרויסגעבן שטיצעס אויך אויף איינצוקויפן פערד און בהמות, אויף איינצושאַפן לאַנדווירטש.-מכשירים אָדער מלאכה-געצייג, אויף צו באַצאָלן די מלמדים פאַר לערנען די קינדער אין די שטעטלעך, אויף רעמאָנט פון מנינים און בעדער און אויך אויף אַנדערע שטאָטישע הצטרכותן. באַדייטנדע סומען האָבן אויך געמוזט אויסגעגעבן ווערן אויף אינדיווידועלע שטיצע סיי פאַר די אָרימערע היימלאָזע אין די שטעטלעך און סיי אין נאָוואָגרודאָק זעלבסט, אויך אויף מעדיצינישע הילף. די לעצטע 20.000 מ. פון צ. ק., וועלכע זיינען דערהאַלטן געוואָרן אָנהויב ווינטער, פאַרן סאַמע אָנקומען פון די באָלשעוויקעס, זיינען צוזאַמען מיט די רעשטן פון די פריערדיקע געלטער אויסשליסלעך אויסגעגעבן געוואָרן אויף די 2 לעצטע מינים הילף אין משך פון דעם שרעקלעכן ווינטער און אָנהויב פרילינג פון יאָר 1919, ביז וואַנען מיר האָבן אָנגעהייבן צו באַקומען שטיצע פון „יעקאָפּאָ" פון ווילנע.

די שטיצע אין די שטעטלעך איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אויף אַן אָרט דורך די באַפולמעכטיקטע פאַר יעדער שטעטל, וועלכע האָבן זיך דאָרט געפונען שטענדיק, אָדער האָבן פון צייט צו צייט באַזוכט זייער שטעטל.

.8

די לעבנס-באַדינגונגען פון די ערשטע בונים. — דער פרילינג 1919. — אַ נייער פּראָנט.

די לעבנס-באַדינגונגען פון די ערשטע פּיאָנערן-פאַמיליעס אין די שטעטלעך זיינען געווען שרעקלעך. די וואָס האָבן זיך אַריינגעכאַפּט אין די טראַנשייעס זיינען געווען די גליקלעכסטע. די איבעריקע האָבן זיך ווי עס איז געמוזט איינאָרדענען אין שטאַלן אָדער אין חורבות פון די הייזער. איך באַריר ווייטער מער קאַרעליטש, ווייל די שטעטל האָב איך אייניקע מאָל באַזוכט אין משך פון ערשטן זומער און ווינטער. אין די איבעריקע שטעטלעך בין איך געווען ניט מער ווי צו איין מאָל. אין לובטש, גלויב איך, איז געווען ניט בעסער פון קאָרעליטש און געוויס אפשר נאָך ערגער, ווייל דאָרטן זיינען געבליבן ווייניקער חורבות, וועלכע האָבן דאָך געגעבן אַ וואָסערע עס איז שיצונג פון רעגן און קעלט.

אין קאָרעליטש איז דעמאָלט געווען איין איינציקע שטוב מיט פענסטער און טירן. די שטוב האָט געדינט אַלס זאַמלפּונקט פאַר אַלע היימלאָזע. עס זיינען געווען איינער אָדער צוויי באַק-אויוונס. צוליב דעם, און אויך ווייל די גאַנצע געגנט אַרום איז געווען אַבסאָלוט מענטשן-לעער און עס איז ניט געווען, וואו צו קריגן כאָטש איין תבואה-קערנדל, איז ברויט געווען אַ יקר-המציאות, אַ זעלטענער מאכל. די דירות זיינען געווען חורבות, אָן סופיט און דיל, אָן טיר און פענסטער, און אָפטמאָל אויך אָן אַ דאַך. און ביי דער אַלגעמיינער אָרימקייט און מאַנגל אין קליידער און וועש, איז די סאַניטאָרע לאַגע געווען אַ שרעקלעכע. מענטשן האָבן געגאַרט אַראָפּצוּוואַשן פון זיך די שמוץ, און עס איז ניט געווען ווי אַזוי — די באָד איז אויך געווען חרוב. צו דעם איז צוגעקומען די עלנטקייט און אומעט פון אַ הייפל מענטשן, פאַרוואָרפענע אין אַ מדבר, אין וועלכן אויף כמעט 15 קמ. אַרום און אַרום איז קיין לעבעדיקער נפש ניט געווען. איבערהויפּט זיינען געווען שרעקלעך די נעכט. פון אַלע זייטן טאַרטשן אַרויס פון דער פינסטער, אַזוי ווי אויסגעשפּרייטע הענט פון ניט געזעענע געשפּענסטער, באַלקנס, שטיקער דעכער, קוימענס פון די גאַנץ אָדער האַלב צעשטערטע הייזער און מויערן. דער הויכער גראָז און די יונגע ביימלעך שאַפן אין דעם חושך אַן איינדרוק פון אַ פינסטערן וואַלד, אין וועלכן פון צייט צו צייט שרייען זיך דורך ווילדע פייגלען. פון די ליידיקע בתי-מדרשים דערטראָגן זיך אַן אויפהער די אימהדיקע אויסרופן פון די סאָוועס... אין די פילע גריבער און אָקאָפּעס אַרום שטעטל האָבן זיך פאַרפירט וועלף, וועלכע פלעגן אין די ווינטערדיקע נעכט באַזוכן די שטעטל, און האָבן אַוועקגעטראָגן ניט איין ציג פון אַן אָרימען יידן... ווי נאָר אָוונט פלעגט זיך יעדערער פאַררוקן אין זיין נאָרע, אָפטמאָל ניט האָבנדיק אַפילו מיט וואָס צו באַלייכטן זי.

ביי ווינטער זיינען ווייניק הייזער רעמאָנטירט געוואָרן. און אויך די רע-

מאָנטירטע הייזער האָבן ניט געהאַט קיין דובלטן, קיין אייוועלעך און אָפטמאָל אויך דילן. אומעטום איז ווינטער געווען אַ שרעקלעכע קעלט. די אַנטיסאַניטאַרע באַדינגונגען פון לעבן האָבן זיך ווינטער נאָך מער געלאָזט פילן, ווי זומער. עס האָבן זיך גענומען פאַרשפּרייטן קראַנקייטן, און קיין מעדיצינישע הילף איז אַבסאָלוט ניט געווען. ס'פאַרשטייט זיך, אַז עס האָבן אויך ניט אויסגעפעלט קיין מענטשלעכע קרבנות.

דער פרילינג 1919 האָט געבראַכט די אַלע צרות פון אַ נייעם פראָנט. די באָלשעוויסטישע קוילן פלעגן אַמאָל דערגרייכן אַזש ביז אין שטעטל. אויסערדעם, האָט מען געמוזט לעבן און זיין באַגרעניצט אין די באַוועגונגען, וואָס עס איז שטענדיק פאַרבונדן מיט דער נאָענטקייט פון פראָנט. די קליינע באַפעלקערונג האָט אויך געמוזט אויסטראָגן אויף אירע שוואַכע פּלייצעס פיל אַנדערע לאַסטן פון אַן אָרט, וועלכער געפינט זיך אין געביט פון מלחמה-אָפּעראַציעס.

### 9.

דער הונגער אין די באָלשעוויסטישע צייטן. — דער שווערער זומער 1919. — די ערשטע הילף פון „יעקאָפּאָ". — די טעטיקייט פון „יעקאָפּאָ" פאַרשפּרייט זיך אַלץ מער און מער. — „יעקאָפּאָ" בויט אויף די שטעטלעך.

דער ווינטער און פרילינג פון יאָר 1919 זיינען איבערהויפּט געווען די שווערסטע פון דער גאַנצער מלחמה-צייט. דער באָלשעוויסטישער רעזשים, וועלכער האָט זיך איינגעשטעלט אין אָנהייב פון 1919 האָט מיטגעבראַכט אַ שרעקלעכן הונגער און אַרבעטסלאָזיקייט. מענטשן זיינען דעם ווינטער און פרילינג אַרומגעגאַנגען געשוואָלענע, מיט ווייסע אָנגעבלאָזענע געזיכטן און בייטלעך אונטער די אויגן. מען האָט בחוש געזען, ווי מען גייט אויס פון הונגער. איבערהויפּט איז דאָס געווען צו באַמערקן ביי די, וואָס האָבן זיך שוין אַראָפּגעלאָזן צו דער נידעריקסטער שטופע און זיינען געגאַנגען איבער די הייזער בעטן אַ שטיקל ברויט. היינט זעט איר אַ מענטשן כמעט נאָך אַ מונטערן, אין אַ וואָך אַרום איז שוין קוים, וואָס ער שלעפּט די פיס און זיין געזיכט באַווייזט שוין בולט די סימנים פון הונגער, און אויף דער דריטער-פערטער וואָך זעט איר אים שוין מער ניט, און איר דערוויסט זיך פון די איבעריקע זיינס גלייכן, אַז ער איז שוין אויף אַ בעסערער וועלט...

און אָט אין דער שווערער צייט, אָנהייב זומער 1919, הייבט זיך אָן ביי אונז אין געגנט די טעטיקייט פון „יעקאָפּאָ". פון איר אייגענער איניציאַטיוו, ניט האָבנדיק פון אונז נאָך קיינע ידיעות, נאָר דערוויסנדיק זיך וועגן אונזער שווערער לאַגע, שיקט זי אונז, איבערלאָזנדיק אין לידע פאַר אונז (די קאָמוניקאַציע מיט נאָוואָגרודאָק איז דאַן געווען זייער שווער) אַ סומע פון 10.000 מ. מיר דערוויסן זיך דאַן, אַז אין ווילנע אַרבעט אַ יידישער הילפס-קאָמיטעט אונטער אַזאַ מאָדנעם נאָמען. נאָוואָגרודאָק (שטאָט און ראַיאָן) שיקן צו דעם קאָמיטעט 2 זייערע פאָרשטייער, הרב מ. אַבאָוויטש און מיר. מיר קומען אין באַרירונג מיט מענטשן אויפן העכסטן גראַד מיטפילנדע, מיט אַ גרויסער פאַרשטענדעניש פאַר זייערע אויפגאַבן. מען נעמט אונז אויף זייער פריינדלעך און אויפמערקזאַם, מען הערט גענוי אויס אונזערע אינפאָרמאַציעס וועגן נאָוואָגרודאָק און ראַיאָן און מען דערליידיקט אונז שנעל, אָן איבעריקע פאָרמאַליטעטן און שוועריקייטן, הגם „יעקאָפּאָ" האָט דאַן נאָך ניט געהאַט קיין געלט פאַר אונזער ראַיאָן.

צום אָנהויב פון דער „יעקאָפּאָ"-אַרבעט אין אונזער געגנט האָט זיך איר גאַנצע טעטיקייט קאָנצענטרירט אויף דער איינציקער לעבנס-פראַגע: ברויט פאַר די הונגעריקע און מעדיצינישע הילף פאַר די קראַנקע. נאָר באַלד ווייזט זיך אַרויס דער טיפער חוש און גרויסע פאַרשטענדעניש פון די אָנפירער פון „יעקאָפּאָ" פאַר אַלע וויכטיקע הצטרכותן פון אַ יידישן קיבוץ, פאַר די פראַגן פון קולטור און געזעלשאַפטלעכקייט, און עס ווערט ביסלעכווייז בולט די טענדענץ פון פּראָדוקטיוויטעט און אויפבויאונגס-אַרבעט. מיר הייבן אָן צו באַקומען צוגלייך מיט די געלט-סומען אויף דערנערונג, פאָלקס-קיך און מעדיצינישע הילף, אויך סומען אויף אַ שול פאַר קינדער, ביבליאָטעק, אויף אַ ליי- און-שפּאָר-קאַסע, נאָכדעם אויך אויף האָלץ צום בויען. צום ערשטן זיינען די סומען נאָך ניט באַדייטנד. נאָר שנעל וואַקסט דער פאַרנעם פון דער „יעקאָפּאָ"-אַרבעט, און גלייכצייטיק ענדערט זיך אויך איר באַדייטונג, כאַראַקטער און פאָרם. „יעקאָפּאָ" אַנטוויקלט אַ קאָלאָסאַלע אויפבויאונגס-אַרבעט. אַלס פּועל-יוצא פון דער אַרבעט אין אונזער געגנט — זיינען די פון חורבות אויפגעבויטע שיינע שטעטלעך, וואו הונדערטער, פריער פאַרוואָגלטע און ליידנדע יידישע פאַמיליעס מאַכן אַ בכבודיקן לעבן; וואו עס א'מפולסירטע אַ שטאַרקער, געזונטער געזעלשאַפטלעכער לעבן, וועלכער א'ז קאָנצענטרירט אין די לעבנס-פעאיקע פאָלקס-בענק, ביבליאָטעקן, דראַמאַטישע פאַראיינען און אויפן ערשטן אָרט אין די זיך אַנטוויקלענדע און זיך שטאַרקנדע פאָלקס-שולן, פאַר וועלכע „יעקאָפּאָ" האָט אויפגעשטעלט ספּעציעלע שיינע גרויסע בנינים. מיט דעם לעצטן אַקט האָט זיך גליקלעך פאַרענדיקט און פאַרפולקאָמט אַ פאַרדינסטפולע, גרויסע אַרבעט, מיט וועלכער עס האָט אָנגעפירט דער געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ".

ביים פאַרענדיקן פון מיינע ווערטער גייען מיר, אָבער, ווידער אַרויף אויפן זכרון אונזערע „פּ'אָנערן", וועלכע האָבן מיט זייערע ליידן, שווערער אַרבעט, שווייס און בלוט מעגלעך געמאַכט, אַז ווייטערע היימלאָזע, גליקלעכערע פון זיי און מער געשטיצטע, זאָלן קענען קומען פאַרזעצן די אַרבעט פון אויפבויען די אַלטע היימען.

שלום כהן.

נאָוועמבער, 1924.

# נאָוואָ-סווענציאַן אין די יאָרן 1915—1925.

פאַר די יאָרן 1925–1915 איז נאָוואָ-(ניי) סווענציאַן (באַזונדערס די טעטיקערע, געזעלשאַפטלעך - באַוואוסטזיניקערע עלעמענטן אירע) געשטאַנען אונטערן צייכן פון אַן אַקטיוון אָנטייל סיי אין דער ריין-לאָקאַלער, סיי אין דער וויכטיקער יידישער אַרבעט פון אַן אַלגעמיינעם כאַראַקטער, דער עיקר בעת די גירוש- און רעעמיגראַציע-יאָרן.

אפשר, האָט דאָ אַ סך מיטגעהאָלפן דער פאַקט, וואָס ניי-סווענציאַן איז געלעגן ביי דער גרענעץ פון קאָוונער געגנט, אין אייזנבאַן-קנופּ פון דער קליינבאַן פּאָניעוועזש—גלובאָקע און פון מאַגיסטראַל פּעטראָגראַד—וואַרשע; בעת דער דייטשער אָקופּאַציע — אין נאָענטקייט פון דער מלחמה-זאָנע אַלס ערשטער עטאַפּן-פונקט; שפּעטער, אין דער צייט פון דער באָלשעוויסטישער הערשאַפט און לעצטנס אין פוילן — נאָענט צו דער ליטווישער, לעטישער און טיילווייז רוסישער גרענעץ.

### 1.

ערב שבועות 1915. עס הערן זיך ניט קיין „פריילעכע" געריסן: די רוסישע חילות ליידן מפּלות נאָך מפּלות. צו די יסורים, וואָס ס'קומט אויס אויסצושטיין יחידים אַלס ערבות-לייט און צו דער געפאַר דערשאָסן צו ווערן צוליב מסירות,

טרעפט אַלעמען, ווי אַ דונער: „מען טרייבט".

אויפן האַרצן איז ניט גוט. דאָך דאַרף מען פאָרן אַהיים אויף יום-טוב. ווילנע קאָכט. עס שלעפן זיך איבער די גאַסן מענטשן... האַרצרייסנדיקע סצענעס שפילן זיך אָפּ אויפן וואָקזאַל... עס שטייט אַ פאַרוואונדעטער יידישער זעלנער מיט אַ געאָרג-צלם פאַר העלדישקייט, האַלט מיט דער לינקער האַנט אַרומגענומען זיין פאָטער (די רעכטע פאַרוואונדעט) און וויינט... אויף די רעלסן שטייען לאַנגע צוגן, פולגעפּאַקטע מיט מענטשן — מען שיקט אַרויס, מען געטרויט ניט.

אָנגעקומען אין ניי-סווענציאַן. עס איז ערב יום-טוב. יידן זיינען פאַרזאָרגט: „ווער ווייס, אפשר, זיינען מיר אויך ניט זיכער?" און טאַקע באַלד דערטראָגן זיך קלאַנגען, אַז ביינאַכט דאַרף אָנקומען אַ קליינבאַן פון פאָניעוועזש מיט אַרויסגעשיקטע. מען גייט צו דער באַן, מען גרייט צו הייזער זיי אויפצונעמען, מען באַזאָרגט עסנוואַרג. יעדער גיט אָפּ דאָס לעצטע, טראַכט ניט וועגן יום-טוב. עס בילדעט זיך אַ קאָמיטעט, וועלכער אַרבעט טאָג און נאַכט. ער נעמט אויף די אַרויסגעטריבענע, באַזאָרגט זיי מיט דירות און עסן, זייער צאָל וואַקסט, און דאָס שטעטל שפירט, אַז עס וועט ניט קענען אַליין דורכטראָגן. מען ווענדעט זיך גלייך קיין ווילנע. עס קומען פאַרשטייער, מען באַקומט שטיצע — און ניי-סווענציאַן ווערט אַ צענטראַל-פונקט פון די אַרויסגעטריבענע. דאָס גאַנצע שטעטל, אַלט און יונג, איז פאַרטאָן: מען נעמט אויף די ליידנדיקע ברידער און שוועסטער.

ביסלעכווייז ווערט די אַרבעט איבערגענומען דורכן ווילנער-פּעטראָגראַדער קאָמיטעט — און די שטעטלשע, אויסער איינינקע, שטייען שוין אָן אַ זייט. מען באַזאָרגט די היימלאָזע, מען שיקט זיי אָפּ קיין רוסלאַנד. ווען איך דערמאָן זיך אָבער היינט וועגן קאָמיטעט, בלייבט עפּעס אַ בייגעשמאַק, הגם מען קען ניט פאַרלייקענען די גרויסע אַרבעט, וואָס איז דורך אים אָפּגעטאָן געוואָרן. מיר איז עטלעכע מאָל אויסגעקומען צוצוזען, ווי די „קאָמיטעטשיקעס" האָבן געאַרבעט. אַ פרעמדע סביבה — „זיי", די אינטעליגענטן, ריידן אויף רוסיש, און די מאַסע, נעבעך, מוז אויסשטיין און „ברעכן די ציינער". דאָס האָט געשאַפן אַ קאַלטע באַציאונג, אַ פרעמדקייט, אַן אָפּגעזונדערטקייט. דער גרויסער טומל פון אַרומפאָרן מיט די פערד הין און צוריק, פון *„Шумимъ", האָט געווירקט אָפּשטויסנדיק. די נערוועזקייט האָט זיך איבערגעגעבן דעם שטעטל גופא, און אַלע זיינען מיטגעריסן געוואָרן מיטן שטראָם.

.2

סוף 1915 ווערט דאָס שטעטל פאַרנומען דורך די דייטשע חילות. ביסלעכווייז הויבן אָן אָנצוקומען די פאַרבליבענע אין דעם אַרום. עס קלייבט זיך צונויף אַ קליינער ישוב פון יונגעלייט, עטלעכע זקנים און זייער ווייניק פרויען. ניי-סווענציאַן ווערט אַ פונקט פון דורכגייענדיקן מיליטער. און ווי אומעטום, הויבן אויך דאָ אָן בליען די „טיי- און קאַפע-הייזער". מען פאַרדינט געלט. אַמאָליקע אָרימעלייט ווערן גבירים. ווער רעדט עסן, איז דאָ לרוב: עס איז פאַרבליבן פון די רוסן, די דייטשן ברענגען, עס לאָזן איבער די פאַר הפקרדיקע איבערגאַנגס-טעג. ניי-סווענציאַן איז ניט ווייט פון דער מלחמה-זאָנע, און עס קומען צו ביסלעכווייז יידן, קריסטן פון די ערטער, וואָס זיינען פאַרנומען דורך דער דייטשער מיליטער.

צווישן ניי-סווענציאַן און פאָדבראָדז איז פאַראַן אַ מיליטערישער לאַגער מיטן נאָמען „פאָליגאָן". די דייטשן פאַרוואַנדלען עס אין אַן אויפהאַלט-אָרט פאַר די היימלאָזע און אַרויסגעטריבענע פון די מלחמה-פעלדער. די מערהייט זיינען קריסטן פון די חרוב-געוואָרענע דערפער. עס געפינען זיך דאָ אויך עטלעכע און צוואַנציק יידישע משפחות. זיי זיינען פאַרשפּאַרט אויפן שטח פון לאַגער און טאָרן זיך ניט באַוועגן אין די אַרומיקע שטעטלעך. עס דערגייען צו אונז קלאַנגען, אַז אין פאָליגאָן זיינען דאָ יידן, וועלכע ליידן הונגער, עסן גראָז. דער איינציקער אָרט, וואו מען פלעגט זיך ביי אונז צוזאַמענקומען, איז געווען דער איבערגעבליבענער בית-המדרש (צוויי האָבן די דייטשן פאַרנומען פאַר מיליטער). שבת, ביים לייענען, מאַכט מען אַ טומל, ווי דער שטייגער איז: „שטעטל, יידן הונגערן, און מען דאַרף זיי העלפן! עס זיינען דאָ אַלטע און קראַנקע, וועלכע ליידן".

אויף אַזאַ אופן גרינדעט מען אַ קאָמיטעט. אין אים, ווי דער שטייגער איז, ווערן אויסגעקליבן חשובע און עלטערע. די יוגנט פון שטעטל ווילט זיך אויך זיין פאַרטראָטן אין קאָמיטעט און איך, דער יינגסטער, מוז אויך זיין אַ מיטגליד. מען טרעט גלייך צו צו דער אַרבעט, מען קלייבט צונויף געלט און מען קויפט 3 פורן מעל. דריי פאַרשטייער פון קאָמיטעט פאָרן דעם ערשטן מאָל זיך באַקענען מיט דער לאַגע אויפן אָרט.

מיר גייען און מען שמועסט וועגן דעם ניט לאַנג-איבערגעלעבטן. דער אַפּטייקער, ה' טורגעל, דערציילט, ווי מען האָט באַשאָסן דעם צוג, וואו ער איז געפאָרן. מיטאַמאָל דערהערט זיך אַ געשריי: „הענדע אַאוף!" און אַ גרויסער רעוואָלווער גיט אַ גלאַנץ פאַר אונזערע אויגן. פאַר שרעק פאַלט אַרויס פון טורגעלס הענט דער שטעקן — און מיר שטייען אַלע מיט אויפגעהויבענע הענט. דער דייטשער אָפיציר שרייט: „איר פאַרפלוכטע יידן, וואָס פירט איר דאָ?!" מיר זאָגן, אַז מיר פירן מעל צו פאַרטיילן צווישן די היימלאָזע. אָבער ער טענהט, אַז אים גייט עס ניט אָן, אַז מיר ערמאָרדן גאָר דייטשע סאָלדאַטן. אונזער שרעק ווערט נאָך גרעסער. מיר האָבן געמיינט, אַז דאָ ניט ווייט ליגט אַ טויטער סאָלדאַט. מיר פרובירן זיך אויסטענהנען אויפן יידישן לשון, און ער זוכט ביי אונז וואָפן. דערנאָך זאָגט ער אונז אָן, אַז מיר, די „שמוגליאַרעס", זאָלן אָקאָרשט ניט פאַרקויפן די מעל, און מיט די ווערטער: „פאָרט, אָבער איר זאָלט ניט ערמאָרדן אַ דייטשן סאָלדאַט! יאָ, דאַנקע שוין!" איז ער אַוועק זיין וועג.

מיר זיינען געקומען אין פאָליגאָן, צונויפגערופן אַלעמען, זיך דורכגערעדט וועגן זייער לאַגע, פאַרטיילט זיי די מעל און געלט און זיך אומגעקערט אַהיים. קומענדיק, האָבן מיר געמאַכט אַ זיצונג פון קאָמיטעט, און עס ווערט באַשלאָסן, זיך צונויפצוריידן מיט די אַרומיקע שטעטלעך, ווייל די שטיצע פאַרן פאָליגאָן מוז זיין אַ לאַנגדויערנדיקע און אַ סיסטעמאַטישע. מיר אָרדענען איין אַ צוזאַמענפאָר פון סווענציאַנער, קאָלטיניאַנער און ליגמיאַנער פאַרשטייער. פון סווענציאַן באַטייליקן זיך הרב מאיראָוויטש (איצט אין נאָוואָגרודאָק) און ברומבערג (דערשאָסן געוואָרן דורך די באָלשעוויקעס), פון קאָלטיניאַן — הרב כהנמאַן (איצט אין פאָניעוועזש) און גרשון רודניצקי. עס שטייט די פראַגע, וואָס צו טאָן, כדי די אומגליקלעכע אַרויסצונעמען פון פאָליגאָן, ווייל ווינטער איז אוממעגלעך דאָרט צו זיין. עס ווערט באַשלאָסן זיך צו ווענדן צו דער מאַכט וועגן ערלויבן אַריבערפירן זיי אין קאָוונער געגנט. ביז וואָס-ווען פלעגט יעדע וואָך אָפּגעפירט ווערן צו פאַרטיילן מעל פון קאָמיטעט. ניט איין מאָל איז אויסגעקומען צוצוזען מערדערלעכע באַציאונגען פון די דייטשע סאָלדאַטן צו די פאַרשלאָסענע. די דייטשע מאַכט פלעגט יעדן געבן אַ פּאַיאָק און דערפאַר געצוואונגען גיין אַרבעטן

דער קאָמיטעט באַקומט שטיצע, אויסער די אַרומיקע שטעטלעך, אויך פון יידיש-דייטשן הילפס-פאַראיין דורך דעם פעלד-ראַבינער לעווי. עס קומט אויך-צו אַרבעט: די היידוצישקער יידן ווערן אַרויסגעשיקט אין קאָוונער געגנט. די שטימונג איז אַ שלעכטע. אין שטעטל גופא הויבן זיך אויך אָן צו שפּירן אַלץ מער און מער די פויסט פון די דייטשע באַפרייער. מען רעקווירירט, מען טרייבט אַרויס די ציווילע באַפעלקערונג פון די הייזער, מען שאַפט אַ תחום-המושב, עס הויבט זיך אָן די צוואַנגס-אַרבעט. הונגער און נויט שוועבט איבער אַלעמענס קעפּ. גראָד פאָרט דורך ראַבינער לעווי. מיר לאַדן אים איין אויף אַ זיצונג פון אונזער קאָמיטעט. מען רעדט, מען קרעכצט און מען האָט מורא צו זאָגן דעם אמת, ווייל ראַבינער לעווי איז געווען מער דייטש, ווי ייד. איך קען זיך אָבער ניט באַהערשן און הויב אָן ריידן, ניט באַראַטנדיק זיך פריער מיט קיינעם. איך שילדער די גאַנצע אַנגעווייטיקטע לאַגע, און ביטערע ווערטער שיטן זיך אויסן אַדרעס פון די דייטשן. ראַבינער לעווי ענטפערט: „מיין קינד, זיי זיינען יונג. ערשטנס זאָלן זיי דאָס ניט ריידן פאַר אַ צווייטן, ווייל זיי קענען ווערן אַרעסטירט, צווייטנס, עס איז טאַקע שלעכט, און די יידן וועלן אין דער מלחמה ליידן מערער פון אַלעמען, מוז מען ליידן”.

פון די אַלע צוזאָגענישן וועגן די פּאָליגאָנער איז גאָרניט געוואָרן, און מיר באַשליסן צוזאַמען מיט קאַלטיניאַן אַרויסצוגבבענען ביסלעכווייז די היימלאָזע פון לאַגער.

אין זיינער צייט האָט אין קאַלטיניאַן געהאַט זיין זיץ-אָרט אַ דייטשער אָפּיציר, וואָס פלעגט אָנפירן מיטן אויסהאַקן די אַרומיקע וועלדער. ער איז געווען אַן אַנשטענדיקער און גוטער מענטש. דער רב איז געווען מיט אים אין פריינדלעכע באַציאונגען. אויסערדעם איז ה' רודניצקי געווען מיט אים פאַרבונדן געשעפטלעך. דער רב האָט דאָס אויסגענוצט און האָט גערעטעוועט טויזנטער מענטשן. אין ווילנע האָט געהערשט אַ הונגער, און אין קאָוונער געגנט איז געווען אַ סך תבואה. אַרויספירן האָט מען אָבער ניט געטאָרט. פלעגן מענטשן פון ווילנע גיין אַהין צופוס דורך ניי-סוועונציאַן. אויסערדעם זיינען דאָרט געווען ליידיקע דירות, וואָס זיינען איבערגעבליבן פון די אַרויסגעטריבענע דורך די רוסן. דער רב פון קאַלטיניאַן פלעגט די יידן, ווי אויך די קריסטן, אָפּשיקן מיט דער קליינבאַן אין



פּאָניעוועזש אויף „שיינען” פון דייטשען אָפּיציר. אין דעם איז באַשטאַנען אונזער פּלאַן. אַזוי ווי מיר פלעגן אָפט פאָרן אין לאַגער און די וואַך האָט אונז געקענט, פלעגן מיר צוריקפאָרנדיק יעדן מאָל מיטנעמען מיט זיך אַ ביסל אָרעמקייט אויפן וואָגן און ברענגען אין ניי-סוועונציאַן. די מענטשן פלעגן שוין דערנאָך קומען אַליין צופוס. אַזוי האָבן מיר ביסלעכווייז אַרויסגעצויגן עטלעכע פאַמיליעס. די דייטשן האָבן זיך אָבער דערוואוסט דערפון, און מיר האָבן באַשלאָסן, איינמאָל פאַר אַלע מאָל זיי דאָך אַרויסצונעמען. מען האָט אָנגעזאָגט אַלע די, וואָס געפינען זיך אין פּאָליגאָן, אַז זיי זאָלן אַרויסגיין אין די וועלדער, און מיר וועלן אונטערקומען מיט פורן. כ'וועל אויף מיין לעבן ניט פאַרגעסן דעם בילד: דאָס רוב זיינען עס ווייבער מיט קינדער, זיי שלעפּן זיך מיט פּעקלעך אויף די פּלייצעס, אַ כמאַרנער טאָג, ס'טריפט אַ רעגנדל — און דערמאָנט האָבן מיר זיך מצרים... ראַבינאָוויטש, וואָס איז מיטגעפאָרן צוזאַמען מיט מיר פון קאָמיטעט, האָט זיך פונאַנדערגעוויינט, מען האָט צונויפגעקליבן אַלעמען, געבראַכט אין שטעטל, געגעבן אָפּעסן און אויף גיך אָפּגעשיקט אין קאַלטיניאַן. אַדאַנק דער גרויסער מיטהילף פון קאַלטיניאַן האָבן מיר געקענט אויספירן אונזער אַרבעט.

דערמיט זיינען נאָך ניט אויסגעטריקנט געוואָרן די בעכערס פון פיין אין פּאָליגאָן. אַזוי ווי אין ווילנע, ווי בכלל אין די שטעט פון דורך די דייטשען אָקופּירטע געביטן, האָט מען געהונגערט, איז געוואָרן, ווייזט אויס, אַ געשריי. עס זיינען אַראָפּגעקומען דעפּוטאַטן אָדער סתם פאָרשטייער פון אַמעריקע: כדי אָפּצושוואַכן דעם איינדרוק, כדי צו פאַרווישן די פלעקן, האָבן די דייטשן צונויפגענומען „די שנאָרער”, ד. ה. די אָרימע און די הונגעריקע און געבראַכט זיי אין פּאָליגאָן, אַרומגעצאַמט דעם לאַגער מיט דראָט און געהאַלטן זיי פאַרשפּאַרט. האַרצרייסנדיק און שוידערלעך איז געווען צוצוקוקן, ווי די אַרומגעשלאָסענע וואַרפן זיך ווי ווילדע חיות אויפן דראָט, ווען מען גיט זיי וואָס ניט איז צום עסן. די דייטשן האָבן אָבער זייערס דערגרייכט. ביסלעכווייז זיינען די „געפאַנגענע” אויסגעשטאָרבן — און אַן אָנדענקונג איז פאַרבליבן אויף די בית-עולמס פון פּאָדבראָדז און ניי-סוועונציאַן. צוויי לעבן-געבליבענע יתומים זיינען מיט אַ צייט שפּעטער צוגענומען געוואָרן פון ניי-סוועונציאַן אין יתומים-אינטערנאַט ביי „יעקאָפּאָ”.





פאַר דער צייט ווערט אונזער קאָמיטעט אייניקע מאָל איבערגעקליבן. עס בייטן זיך די מענטשן, אָבער די אַרבעט ווערט געטאָן. עס פאַרברייטערט זיך פאַר דער צייט די קאָמפּעטענץ פון קאָמיטעט: ער ווערט אַ מין יידישע רעפּרעזענטאַנץ לגבי דער מאַכט און ערלייִדיקט אין דער הינזיכט פאַרשיידענע אָנגעלעגנהייטן.

3

צווישן אַלע אַנדערע גזירות קומט אויך אָן אַ באַפעל צו גרינדן אַ דייטשע שול פאַר יידישע קינדער. עס קלייבן זיך צונויף די חשובע באַלעבאַטים אויפן הויף פון דייטשען אַמטס-פאָרשטייער (מ'האָט זיי בעשיקט רופן), הערן אויס פון שול-אינספּעקטאָר די פאַראָרדענונג, און עס ווערט „געגרינדעט” אַ שול-קאָמיטעט, וואָס זאָל זאָרגן פאַר דער שול. אַזוי ווי דער ייד פון אַ גאַנץ-יאָר איז געווען געוויינט פון פריער, אַז אַ פאָלקס-שול דאַרף זיין אַ מלוכהשע, זיינען די צונויפגעקליבענע געווען מסכים. נאָר אַ גאַנץ קליינער טייל, פשוט געציילטע פערזאָנען, וואָס האָבן געהאַט פאַר זיך ווילנע מיט די יידישע פאָלקס-שולן, און אַנדערע, וואָס זיינען געווען באַקאַנט מיט די פאָדערונגען פון די יידישע מאַסן וועגן אַ שול אין דער אייגענער שפּראַך, איז גלייך פון אָנהויב די דייטשע שול ניט געווען צום האַרצן. דאָך הויבט זיך אָן אַן אַרבעט, מען פאַרבעט לערער: איינעם, וואָס האָט געענדיקט כהנס גימנאַזיע, אַ היימלאָזן פון פאָסטאַוו, שאַפּיראָ, אויף דייטש און אַלגעמיינע לימודים און דעם רב, וועלכער האָט געלערנט מיט די קינדער „רעליגיאָן”. די לימודים גייען. די קינדער לערנען דעם ריכטיקן פּתח-דייטש, זינגען דייטשע לידער, באַזוכן די שול שבת און זונטאָג ניט.

ביסלעכווייז ווערט אָבער געפירט דורך די עטלעכע פערזאָנען אַן אַגיטאַציע קעגן דער שול, פאַרשטייט זיך, אַז עס איז געווען שווער צו ריידן גלייך פון אָנהויב וועגן אַ מאָדערנער פאָלקס-שול מיט דער יידישער אונטעררריכטסט-שפּראַך. אויסנוצנדיק אָבער דאָס, וואָס די קינדער באַזוכן שבת די שול און דער רב איז דאָרטן אַ לערער, בין איך אַ שבת, נאָכן לייענען, אַרויף אויף דער בימה, גערעדט וועגן דער רוסישער שול פאַר יידישע קינדער, פאַרגליכן זי מיט דער איצטיקער און אָנווייזנדיק, אַז שבת פלעגט מען דעמאָלט ניט לערנען און דאָ לערנט מען יע, אויפגעפאָדערט ניט לאָזן גיין אַלס דעמאָנסטראַציע די קינדער אום שבת. עס איז געוואָרן

אַ געוואַלטיקער טומל. דער רב האָט זיך געפונען געטראָפן מיט די רייד און האָט געשריגן, אַז ער וועט ניט שענקען. אַ פרומער שטעטלשער ייד האָט אָבער דערווייל גאָר אָנגעטאָן אַ שלאָס אויף דער שול און אויף אַזאַ אופן האָבן די קינדער די שול יענעם שבת ניט באַזוכט — און דער ערשטער שטיין איז געוואָרפן געוואָרן. דעם אמת זאָגנדיק, האָט מיר נאָכדעם די מעשה געשראָקן, ווייל די דייטשן האָבן זיך ווייניק גערעכנט אין אַזעלכע פאַלן און פלעגן תיכּף אַרויסשיקן. די מעשה איז דערגאַנגען אַפילו צום אינספּעקטאָר, וועלכער האָט אָבער גלייך נאָכגעגעבן וועגן ניט לערנען שבת. אַזוי ווי דער רב האָט אין שטעטל געהאַט זייער ווייניק סימפּאַטיקער, האָט זיך ביסלעכווייז אַרום די פּראָטעסטירער קאָנצענטרירט די גאַנצע יוגנט און די באַלעבאַטישע אינטעליגענץ. דער אָנגריף איז געפירט געוואָרן צוערשט קעגן רב. דערנאָך האָט מען געמאַכט אַ פאַרזאַמלונג, איינגעלאַדן דעם אינספּעקטאָר און אַרויסגעשטעלט די פאָדערונגען, אַז מען זאָל באַזייטיקן פון שול דעם רב. פאַרשטייט זיך, אַז מען האָט דאָס געפועלט.

און דאָ הויבט זיך אָן אַ שווערע אַרבעט. מ'פאַרלאַנגט צו ברענגען אַ יידישן לערער, מ'זאָל לערנען יידישע לימודים, מען זאָל אונטערריכטן אין יידיש לויט הינדענבורגס באַפעל, ווי די ווייסרוסן און ליטווינער. אָבער דאָס לאָזט זיך ניט אַזוי לייכט דורכפירן, ווייל די עלטערן האָבן זיך ביים אָנהויב אונטערגעשריבן אויף אַ דייטשע שול. עס קומט אונדז צוהילף מיט אינטערווענצן ווילנע, די ה"ה ד"ר צ. שאַבאַד און ג. פלודערמאַכער.

מיר פירן אונטערהאַנדלונגען מיט לערער, מיר האַלטן אָפּ באַראַטונגען מיטן שטעטלשן קאָמיטעט. די עלטערע שטעלן זיך קעגן. מען האָט מורא פאַרן „חדר". ניט קוקנדיק דערויף פירט מען די אַרבעט ווייטער. מיר שטעלן זיך אָפּ אויפן לערער העלערשטיין, וועלכער איז גראָד געווען באַזייטיקט דורך דער מאַכט פאַר זיין ניט כשרקייט. איך, וויסנדיק אַ יידישיסט, בין דאָך מסכּים געווען אויף העלערשטיינען, דעם ציוניסט-העבראַיסט, ווייל כ'האָב פאַרשטאַנען, אַז אויף דעם וועג וועט זיין לייכטער צו ברעכן די וואַנט. ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, איז דער וועג געווען אַ ריכטיקער און דער אויסוואַל אַ גוטער.

מיט גרויס שוועריקייטן האָט זיך איינגעגעבן אין יאָר 1917 צו ברענגען העלערשטיינען אין שטעטל. מיט זיין אָנקומען אין שול הויבט זיך איר פּרעסטיזש, און די אָנהענגער פאַר אַ יידישער שול מערן זיך פון טאָג. די נאַציאָנאַלע לימודים ווערן געפירט אין העבראַיש, די אַלגעמיינע אויף דייטש. שפּעטער גייט מען אָבער אַריבער אויף יידיש.

די דייטשע מאַכט האָט געצאָלט די לערער געהאַלט און געגעבן שול-מכשירים. אַ טייל האָט געדעקט די דעמאָלטיקע געזעלשאַפט, דער שול-קאָמיטעט האָט איינגעפירט אַ מאָנאַט-אָפּצאָל. מען דאַרף אָנערקענען, אַז די באַציאונג פון שטעטל צו דער שול איז געווען אַ גוטע. פאַר דער דייטשער רעוואָלוציע איז די שול אין ניי-סווענציאַן (צוזאַמען מיט די איבעריקע יידישע שולן אין געגנט, ווי פאָדבראָדז, סווענציאַן א. א.) אינגאַנצן אַריבערגעגאַנגען אויף יידיש, און די געזעלשאַפט איז געוואָרן דער פאַקטישער באַלעבאָס פון דער שול.

**.4**

אויסער דער אַרבעט פאַר דער שול איז אין יאָר 1916 געקומען דער געדאַנק, אַז עס מוז וואָס ניט איז געטאָן ווערן אויך פאַר די גרויסע, וואָס זינקען אין דעם האַנדל-וואַנדל מיט „קאַפּע-טיי". אַ גרופּע פון עטלעכע פערזאָן האָט באַשלאָסן צו גרינדן אַ ביבליאָטעק. כ'דערמאָן זיך, אַז ווען איך בין געגאַנגען מיט איינעם שלום בערמאַן קלייבן געלט, האָט מען געקוקט אויף אונדז ווי אויף משוגעים. דאָך האָט דאָס אונדז ניט אָפּגעשראָקן און מיר האָבן געשאַפן אַ היפּשע סומע און איינגעקויפט ביכער. ס'שטעלט זיך מיר איצט פאַר דער קליינער אַלמער מיט ביכער אויף קאַלטיניאַנער גאַס, דעם דעמאָלטיקן תּחום. וועגן אַן ערלויבעניש האָט מען ניט געטראַכט. די עטלעכע ביכער האָבן אָבער אַריינגעטראָגן אַ נייעם שטראָם לעבן אין שטעטל. אין יאָר 1917, ווען נאָך לאַנגע וויכּוחים איז געגרינדעט געוואָרן מיט דער הילף פון לערער העלערשטיין אַ נאַציאָנאַל-פאַראיין, איז די ביבליאָטעק אַריבערגעטראָגן געוואָרן אין פאַראיין. דער פאַראיין האָט איינגעאָרדנט אַ פּאָר רעפעראַטן און האָט אויסגעקעמפט אַ פאַרשטייערשאַפט אין קאָמיטעט.

**.5**

עס הויבן אָן דערגיין קלאַנגען וועגן דער רוסישער רעוואָלוציע. עס ווערט ביי אונדז אַ סך דיסקוטירט, און עס שפירט זיך אַ געהויבענע שטימונג. אין יאָר 1918, ווען עס ברעכט אויס די דייטשע רעוואָלוציע, ווערט די גאַנצע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט אין שטעטל אָפּגעריקט אָן אַ זייט. מען איז פאַרנומען מיט די געשעענישן. בלויז איין אָנשטאַלט עקסיסטירט — די שול. די לערער שטייען אויף דער וואַך און לאָזן איר ניט איינפאַלן. און אָט פאַרלאָזן די דייטשן די געגנט. עס קומען אָן די באָלשעוויקעס, אָן אַ שלאַכט.

דער בירגערלעכער און באַלעבאַטישער עולם איז פאַרלאָרן און מוטלאָז. די געזעלשאַפטלעכע אַרבעט איז טויט. די נייע באַלעבאַטים הויבן אָן זיך אַריינצומישן אין שול-לעבן. מען פאַרווערט צו לערנען תּנ"ך, וועלכן זיי אָנערקענען פאַר אַ רעליגיעזן לימוד. דאָס מאַכט אויף אַלעמען, אַפילו אויף די יידישיסטן, אַ שווערן איינדרוק. עס דאַרף באַטאָנט ווערן, אַז די גאַנצע צייט, ניט קוקנדיק אויף די מיינונגס-פאַרשיידנקייטן כּלפּי-פּנים, איז די שפּראַכן-פראַגע געבליבן אונדזערע אַן אינערלעכע. כּלפּי-חוץ זיינען מיר געווען איין־יק.

צו יענער צייט ווערט געגרינדעט אין ניי-סווענציאַן אַ „פלענבעוש" — אַ פונקט פאַר היימלאָזע. איך טרעט אויך אַריין אין „פונקט" און אַרבעט לטובת די היימלאָזע. ביים „פלענבעוש" איז געווען אַ קאָמוניסטקע, וואָס האָט געדאַרפט אַכטונג געבן אויף אונדז אַלעמען. איך דערמאָן זיך, ווי אַמאָל האָט די קאָמוניסטקע געזאָגט, אַז דער גאַנצער „פלענבעוש" איז אַ קאָנטער-רעוואָלוציאָנערער און איז צופיל באַזעצט פון יידישע אָנגעשטעלטע. די לאַגע איז געווען אַ שווערע. פּלוצלונג פאַרלאָזן די באָלשעוויקעס די געגנט און ס'קומען די פּאָלאַקן. אין די איבערגאַנגס-טעג ווערט דאָס שטעטל ראַבירט. קיין מענטשלעכע קרבּנות זיינען ניט געווען, ווי אין די אַרומיקע שטעטלעך.

אין סווענציאַן זיינען דערשאָסן געוואָרן דורך די באָלשעוויקעס 6 יידן, אין דעם אַ פאָטער מיט 3 זין און 2 קריסטן און אין פאָדבראָדז — אַ פאָטער מיט 4 זין.

**.6**

נאָכדעם ווי די באָלשעוויקעס פאַרלאָזן אונדזער שטעטל שטעלן מיר זיך אין פאַרבינדונג מיט „יעקאָפּאָ" אין ווילנע. מיר באַקומען גלייך אַ געוויסע סומע אויף שטיצע און הויבן אָן צו פירן אַן אַרבעט. „יעקאָפּאָ" ווערט דער צענטער פון דער גאַנצער פּראָווינץ. עס לעבט אויף אין שטעטל די געזעלשאַפטלעכע אַרבעט — נויטבאַדערפטיקע באַקומען שטיצע. מיר באַקומען אויך אַ סובסידיע

פאַר דער שול, וואָס גיט די מעגלעכקייט דער שול ווייטער צו עקסיסטירן. זי איז חרוב, דער לאָקאַל איז פאַרנומען דורך סאָלדאַטן, צעבראָכן און צעשטאָכן. מען קלייבט צונויף די פאַרבליבענע בענק, מען קריגט אַ וואוינונג און מען הויבט אָן לערנען. עס באַווייזן זיך אווטאָמאָבילן, מען קומט באַזאָרגן די קינדער, און אַלע לעבן מיטן אַמעריקאַנער פעטער. ווען עס באַווייזט זיך דער ערשטער אווטאָמאָביל, ווערט אַ טומל.

ביסלעכווייז הויבט מען זיך אָן גרייטן צו אַ קהילה. אין שטעטל בילדעט זיך אַ יוגנט-פאַראיין, וועלכער איז נאָך אונטער דער ווירקונג פון דער פאַרגאַנגענער צייט. מ'ווייס אַליין ניט, וואָס מ'וויל. מען איז געשטימט בונטאַריש, מען קעמפט קעגן דער עלטערער יוגנט, מען פירט אַ מלחמה, כדי צו פאַרכאַפּן מיט געוואַלד די ביבליאָטעק. ביסלעכווייז גיט זיך איין די עלטערע, פּראַקטישערע טוער צו פאַראייניקן די גאַנצע יוגנט — און צו די וואַלן „גייען" 2 צעטלען: איינער פון דער יוגנט, אַ צווייטער פון די עלטערע. די מערהייט באַקומט די יוגנט. די גאַנצע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט ווערט אָנגעפירט דורך דער קהילה *). עס ווערן אָפּגעהאַלטן אָפטע פלענאַרע זיצונגען. מען קעמפט פאַר געוויסע פּרינציפּן. די עלטערע זיינען גאַרניט געווינט דערצו, אָבער זיי מוזן זיך אונטערוואַרפן. אוועקגיין און לאָזן אַלץ ביי דער יוגנט האָט מען ניט קיין חשק. געלטער אויף צו באַפרידיקן די הצטרכותן באַקומט מען פון „יעקאָפּאָ". אויף אַזאַ אופן ווערן אויסגעהאַלטן די פאָלקס-שולן, די מלמדים, די תלמוד-תורה. עס ווערן אויך געשטיצט די ביבליאָטעק, יחידים און אַ קינדער-קיך. ס'גרינדעט זיך אַ גמ"ח.

אַדאַנק דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט לעבן, בליען און וואַקסן די אָרטיקע אַנשטאַלטן. אַלע ווייסן, אַז די קהילה איז די איינציקע פאַרשטייערין, און ווען אַ פּריוואַט-מענטש ווענדט זיך דירעקט קיין ווילנע, שיקט אים „יעקאָפּאָ" אָפּ צו דער שטעטלשער קהילה. אויך די מאַכט אַנערקענט די קהילה,

*) דער ערשטער פאָרזיצער פון דער ניי-סווענציאַנער קהילה איז געווען יצחק הורדוס (וועלכער האָט בכלל די גאַנצע צייט אַנטוויקלט די שטאַרקסטע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט). אין אַ קורצער צייט אַרום איז געוואָרן פאָרזיצער ברוך טורגעל, וועלכער האָט פאַרנומען דעם אָרט ביזן יאָר 1921, ד. ה. ביז זיין אַרויספאָרן פון ניי-סווענציאַן קיין ווילנע. נאָכדעם איז געוואָרן פאָרזיצער חיים ליב סעגאַלאָוויטש, וועלכער האָט פריער פיל געאַרבעט אין קאָמיטעט פון ערשטן טאָג אָן, צוזאַמען מיט טורגעלן, מ. באַקן, א. י. ראַבינאָוויטשן א. א. און מיט די פאַרשטאָרבענע הירש קיזבערג און זאַוול בערנשטיין.



אמת, ניט אָפיציעל און ווענדעט זיך צו איר אין פאַרשיידענע פאַלן. די גאַנצע אַרבעט איז געפירט געוואָרן אויף דעמאָלטיקן אופן, ווי אין דער גרויסער שטאָט. ניט איין מאָל איז אויסגעקומען צו פאַרטיידיקן דאָס רעכט און דעם כבוד. מיט גרויס ווערדע איז דאָס געטאָן געוואָרן. די שול האָט באַקומען איר ריכטיקן אויסזען און כאַראַקטער.

.7

„יעקאָפּאָ" האָט ניט נאָר אויפגעלעבט די אַרבעט אויף די ערטער, נאָר האָט זי אויך קאָנצענטרירט. עס זיינען פאָרגעקומען פלענומס פון קאָמיטעט „יעקאָפּאָ", וועלכע זיינען אַלע מאָל געפירט געוואָרן אין אַ מוסטערהאַפטער אָרדענונג. די דאָזיקע זיצונגען פלעגן דורכגיין גלענצנד און ברענגען גרויסע נוצן. די גאַנצע פּראָווינץ איז אַזוי-אַרום געוואָרן אָרגאַניזירט, און די אַרבעט פאַראייניטלעכט. עס האָט זיך געשפירט אַ מעכטיקע קראַפט. ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס די אַמעריקאַנער האָבן דאַן די הילף פאַרשטאַנען נאָר ווי געבן יענעם ברויט מיט גרויפן, האָט „יעקאָפּאָ" דאָך געשטיצט פאַרשיידענע קולטורעלע און פּראָדוקטיוו-נוצלעכע אַנשטאַלטן.

פאַר די קינדער, לויט די אינסטרוקציעס פון ק. פּ. ד., האָבן מיר איינגעאָרדנט אַ קיך, וואו זיי זאָלן עסן אויף אַן אָרט. מיר האָבן אָפּגעדונגען אַ גרויסע הויז, איינגעאָרדנט אַ גרויסאַרטיקע קיך און אַלע טאָג געפירט די קינדער צוויי מאָל עסן. לאַנג זיינען מיר אין דער קיך ניט געוועזן. עס האָט געשטאָכן אין די אויגן און מען האָט געבעטן מחילה. מיר האָבן זיך געמוזט איבערקלייבן אין געטאָ, אין ווייבערשן מנין. די קיך איז אָנגעפירט געוואָרן דורך אונזער חשובן חבר מ. באַק, זייער אַ פּינקטלעכן מענטשן. ניט איין מאָל האָבן די הערן פון ק. פּ. ד. געמוזט מודה זיין, אַז די אָרדענונג איז אַ גוטע.

ווען ס'איז אַריינגעקומען די פּוילישע מאַכט, האָט זיך געלאָזט שפּירן אַ געהויבענע שטימונג, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס עס איז אויסגעקומען ניט ווייניק צו ליידן. די שטימונג האָט געשאַפן די פאַרגאַנגענע צייט, די רוסישע און דייטשע רעוואָלוציעס, נאָכדעם פּילסודסקיס אויפרוף.

כ'דערמאָן זיך די צייט, ווען די אַדמיניסטראַציע איז נאָך ניט געווען קאָנסאָלידירט, מען האָט נאָך ניט געהאַט קיין פעסטן באָדן אונטער די פיס און מען האָט נאָך געלעבט אונטער דעם





רושם פון ווערסאַלער טראַקטאַט מיט זיינע מינדערהייטס-רעכט.

איינמאָל האָבן מיר זיך געווענדעט נאָך אַן ערלויבעניש וועגן אַ פאַרזאַמלונג צום שטעטלשן „רעוויראָווי". זיין ערשטע פראַגע איז געווען, אויף וואָסער שפּראַך וועלן מיר אויף דער פאַרזאַמלונג ריידן. פאַרשטייט זיך, מיין ענטפער איז געווען, אַז אויף יידיש. ער האָט גלייך געענטפערט, אַז אויף יידיש ערלויבט ער ניט. איך האָב זיך פאַררופן אויפן „ווערסאַלער טראַקטאַט", וועלכער גיט אונז דאָס דאָזיקע רעכט. ער איז געוואָרן אויפגערעגט: וואָס מיר ווערסאַלער טראַקטאַט? נאָר דאָך האָט ער די ערלויבעניש געגעבן.

אַ צווייטן מאָל האָט מיט מיר פּאַסירט אַן ענלעכע געשיכטע, ווען איך בין געפאָרן פון ניי-סווענציאַן קיין ווילנע. דער בריק איבערן טייך ווילייע, איבער וועלכן ס'ליגט דער אייזנבאַן-פּלאַנט, איז געווען צעריסן. מען האָט געדאַרפט אַרויסזעצן זיך, גיין צופוס און איינשטייגן אין אַ צווייטן צוג אויף אונזער ברעג טייך. די יידן זיינען געלאָפן מיט אַ רעש פאַרכאַפּן ערטער אין וואַגאָן. עס איז אַ טומל. עס קומט אַריין אַ מלוכה-אָנגעשטעלטער מיט זיין ווייב, אַ פּריץ פון אונזער געגנט, און שרייט זיך פונאַנדער: „שווייגט, יידן, דאָס איז דאָך ניט דער „קאַהאַל!". כ'האָב זיך ניט באַהערשט, אויסגעמוסרט דעם בייזן פּריץ, אָנגעוויזן אים, אַז ער איז אַ היטער פון דער אָרדענונג און דאַרף אַזעלכע אויסדרוקן ניט באַנוצן, און ער דאַרף וויסן דעם אַנטשפּרעכנדיקן פּונקט פון „ווערסאַלער טראַקטאַט". ער איז אינגאַנצן אַנטשוויגן געוואָרן.

די געבראַכטע פאַקטן אילוסטרירן די דעמאָלטיקע שטימונג. זיי האָבן מיר אָבער געקאָסט די פאַרשטייערשאַפט אין מאַגיסטראַט. די שטעטלשע פּריצים, די דעמאָלטיקע מלוכה-אָנגעשטעלטע, האָבן געהאַלטן, ווי עס ווייזט אויס, אַז אַזעלכע פאָדערונגען טאָרן ניט געשטעלט ווערן.

די וואַלן צום מאַגיסטראַט זיינען ניט פאָרגעקומען. מען האָט זיך צוזאַמענגערעדט און געמאַכט אַ געמיינזאַמען צעטל. די יידן האָבן ניט געוואָלט ריזיקירן און איינגעגאַנגען אויף דער צאָל. אין די רשימות פון די וויילער זיינען ניט אַריין עטלעכע גנבים, איך און אַ ליטווין. מ'האָט דאָס מיר אַריינגעשיקט שריפטלעך און פון דער זייט מודיע געווען, אַז איך זאָל ניט מאַכן קיין טומל, ווייל מען האָט נאָך מיר געוואָלט אָפּטאָן, ווי עס ווייזט אויס, ערגער. אין

מאַגיסטראַט זיינען אַריין 4 יידן: יצחק הורדוס, חיים ליב סעגאַלאָוויטש, ברוך טורגעל און אברהם יצחק ראַבינאָוויטש.

אין יענער צייט איז אַנטשטאַנען אַ געדאַנק וועגן שאַפן אַ שטענדיקן לאָקאַל פאַר דער שול, ווייל, די שול האָט ניט געהאַט קיין מקום-מנוחה. שטענדיק פלעגט זי ווערן פאַרנומען דורך מיליטער און צעראַבירט. אַן אָפּטייקער פון משה-רבינוס גלויבן איינער ה' ציפקין האָט אַמאָל אויסגעבויט אין שטעטל אַ 2-גאָרנדיקע הויז און פאַרפלאַנצט אַ סאָד אַרום. די פאַרבליבענע יורשטע האָט דאָך געוואָלט, פאַרקויפנדיק דאָס הויז, אַז עס זאָל אָנקומען יידן און אויף. אַן אַנשטאַלט. מיר האָבן זיך געווענדעט אין „יעקאָפּאָ" און האָבן גלייך באַקומען אַ סובסידיע, דעם איבעריקן טייל געלט האָבן מיר געשאַפן צווישן אייגענע מענטשן און אַרומיקע און געקויפט דאָס הויז און דעם פּלאַץ, וואָס איז אַ צירונג אין שטעטל און אַן אָרט פאַר עטלעכע אַנשטאַלטן.

עס גייט דורך די צייט פון די האָניק-חדשים. די מאַכט ווערט אַנדערש. מיר באַקומען ביסלעכווייז אַנצוהערעניש, אַז מיר זאָלן זיך ניט פאַרגעסן. די געהויבענע שטימונג פאַרשווינדט פּאַמעלעך. עס שפּירט זיך אַן איבערבראָך. אויפן פּראָנט איז אויך ניט פריילעך. עס דערנענטערן זיך צו אונז די טענער פון האַרמאַטן און ביקסן. עס ווערט ערגער: מ'שלעפּט אויף אַרבעט, מען ראַבירט די געשעפטן, מען שלאָגט, מ'שניידט בערד. מ'פּרובירט זיך שטעלן אַנטקעגן, אָבער עס איז שוין ניט דאָס, וואָס פריער. עס שפּירט זיך אַן אָפּהענגיקייט. עס דערנענטערט זיך דער מאָמענט, ווען מען וואַרט אויף די ליטווינער, וועלכע דאַרפן באַקומען די געגנט לויטן אָפּמאַך מיט די באָלשעוויקעס. דערווייל ווערט דאָס שטעטל פאַרנומען דורך די לעצטע, וועלכע האַלטן עס פעסט אין האַנט. פאַרן קורצן פּעריאָד, וואָס זיי זיינען אין שטעטל, נעמען זיי ניט אָן קיינע שריט און וואַרטן. נאָכדעם ווי זיי באַקומען אַ „קלאַפּ" ביי וואַרשע, הויבן זיי אָן אָפּצוטרעטן און גיבן איבער דאָס שטעטל די ליטווינער.

.8

פאַר דעם ליטווישן פּעריאָד זיינען קיינע ענדערונגען ניט פאָרגעקומען. די אַכטונג צו די ליטווינער איז עפּעס ניט קיין איבעריקס גרויסע. דאָך פילט מען זיך פריי. די ליטווינער האָבן נאָך דאַן געשפּילט זיך מיט די יידן אין פּאָליטיק: אַ יידישער מיניסטער, אָוטאָנאָמיע.



דאָך איז צו פאַרצייכענען עטלעכע צוזאַמענשטויסן מיט דער מאַכט.

גראָד שבת ווערן אויפגעפאָדערט די פורמאַנעס צו געבן פערד. דאָס רופט אַרויס אַ גרויסע אויפרעגונג, מען קלייבט זיך רעדלעכווייז אויף די גאַסן און מען רעדט הויך. דער מיליציאַנט גייט צו, הייסט זיך פונאַנדערגיין מיט אַ חוצפּהדיקן טאָן. איך באַהערש זיך ניט, הייס אים אָוועקגיין, מאַך גרויסע גוואַלדן און דראָ, אַז איך דעפּעשיר תּיכּף קיין קאָוונע — כ'בין געווען אַ מיטגליד פון קאָמיטעט „יעקאָפּאָ" — שריי איך, אַז איך בין אַ מיטגליד פון ווילנער נאַציאָנאַל-ראַט און אַ געקליבענער פון דער גאַנצער געגנט. דער מיליציאַנט האָט זיך עפּעס אָפּגעשראָקן און אָפּגעטראָגן. מען האָט מיך פאַררופן צום קאָמענדאַנט, מיך אויסגעפרעגט, פאַרשריבן און אָפּגעלאָזן.

איינמאָל שטייען מיר און קוקן, ווי מען קלעפּט באַקאַנטמאַכונגען אין ליטוויש, רוסיש און יידיש. אָפּגעזען דערפון, וואָס איך בין געווען אונטערן רושם פון די ניט לאַנג פאָרגעקומענע ראַבירונגען, מאַך איך דאָך אַ באַמערקונג אין די אויגן פון פּאָליציאַנט, אַז קיין רוסן זיינען דאָ ניטאָ און אַז דאָ וואוינען אויך פּאָליאַקן און דעריבער דאַרף מען שרייבן אויך אויף פּויליש. עפּעס איז אים אַזאַ זאַך געווען וואונדערלעך און ער בעט מיר זיך ניט אַריינמישן.

די באַציאונג פון דער ליטווישער מאַכט צו די געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס איז געווען ווי פאַר יענער צייט אין ליטע אַ גוטע. אונזער פאָלקס-שול איז געווען סובסידירט, ווי אַלע שולן. די סובסידיע פלעגט מען באַקומען אויסגעצאָלט פּינקטלעך, אָן קיין שום שוועריקייטן. דער שטעמפּל פון קהילה איז געווען גילטיק פאַר אַלץ.

.9

נאָך דעם זשעליגאָווסקי-מאַרש אויף ווילנע הייבט זיך אָן אַ נייע תּקופה. עס שאַפט זיך די מיטל-ליטווישע רעגירונג. מען ווייזט אַרויס אַ גוטע באַציאונג צו יידן, אָבער די לאַגע איז ניט קיין זיכערע.

שפּעטער שטעלט זיך איין אַ פעסטערער מצב. ווילנע געהערט צו פּוילן.

„יעקאָפּאָ" קומט אויס צו פירן אַן אָנגעשטרענגטע אַרבעט. זי טיילט אָבער פונאַנדער די אַרבעט לויט באַזונדערע צווייגן. די שולן גיט זי איבער פאַרשיידענע בילדונגס-צענטראַלעס. אונזער שול מוז זיך אויך אָנשליסן אָן אַ צענטראַלע. זייענדיק אַ שול מיט יידיש אַלס אונטעררריכט-שפּראַך, האָט זי זיך אָנגעשלאָסן אָן צ. ש. אָ. מאַטעריעל האָט די שול געליטן צוליב דער שפּאַלטונג, ווייל די שטאַט האָט שטענדיק געצוילט די פּראָווינץ.



אין יאָר 1921 זיינען מיר זוכה געווען צו האָבן דעם ערשטן אַרויסלאָז אויף דער פּראָווינץ. די אַביטוריענטן האָבן זיך איינגעאָרדנט פאַרשידן — סיי אין דער יידישער, סיי אין דער העברעאישער גימנאַזיע, אין טעכניקום ווי אויך אין יידישן לערער-סעמינאַר. שוין דעמאָלט איז די שול געשטאַנען אויף דער נייטיקער הייך. מיטן אָנקומען פון די לערער ווירניק און געניע יאָוויטש ווערט דער צוזאַמענשטעל פון פּעדאַגאָגישן ראַט נאָך פאַרבעסערט. די מאַטעריעלע לאַגע פון שול הויבט אָבער אָן ווערן ערגער. ווילנע ציט צו זיך, פון דער רעגירונג באַקומען זיך ניט קיינע סובסידיעס — און ניט איין שווערן טאָג קומט אויס איבערצולעבן דער פאָלקס-שול און די לערער. די געזעלשאַפט איז געוויינט צו אומזיסטער בילדונג, און זייער שווער גיט זיך איין דאָס איינמאָנען שכר-לימוד. עס גרינדן זיך און בייטן זיך שול-קאָמיטעטן, עס ווערן געמאַכט פאַרשיידענע אָנשטרענגונגען, ניט איינמאָל נעמט מען אָן אָנגעשטרענגטע מיטלען—און די שול עקסיסטירט ווייטער. צו הילף קומט דער דראַמאַטישער קרייז, וועלכער גיט אָפּ אַ סך מי און צייט פאַר דער שול דורך אָוונטן. דער שכר-לימוד ווערט ביסלעכווייז געשרויפט, און מען ווערט געוויינט צו צאָלן. די שול זיצט אין איר אייגענעם בנין, וואָס איז אַ מוסטערהאַפטער לגבי די שול-בנינים אין דער פּראָווינץ. אַ דאַנק דער אינטערווענץ פון די פאָרשטייער פון מאַגיסטראַט מיט הורדוסן בראש הויבט מען אָן צו באַקומען אַ סובסידיע, וועלכע ווערט פאַרגרעסערט וואָס פון יאָר.

אין יאָר 1924 ווערט געפייערט מיט גרויס פּאַראַד דער צווייטער סיום. די קינדער גייען זיך פונאַנדער אין פאַרשיידענע ריכטונגען, ווידער ווי נאָכן ערשטן סיום, קומען זיי אָן סיי אין יידישע, סיי אין העברעאישע מיטל-שולן. אַ גרופּע מיידלעך האָט זיך איינגעאָרדנט אין דער אָרטיקער פּוילישער פאַך-שול פאַר האַנטאַרבעט און האָפטעריי. די שול ווערט אַ נאַטירלעכער פאַקטאָר אין לעבן פון שטעטל — זי ברענגט אַריין אַ נייעם גייסט. אויסער אויף די קינדער, ווירקט זי אויך אויף די עלטערע, זי איז פאַר אַלעמען „אונזערע".

די ביבליאָטעק, וועלכע האָט דורכגעמאַכט פאַרשיידענע גלגולים, ווערט פאַררוקט אַן אַ זייט. נאָר דער ביכערלאַגער פון „יעקאָפּאָ" גיט איר אַ מעגלעכקייט ווידער אָנצוהייבן צו עקסיסטירן און די ביבליאָטעק אַ דאַנק דער זייער איבערגעגעבענער אַרבעט פון לערער וויניק ווערט דערהויבן צו אַ מדרגה פון אַן אמתער פאָלקס-ביבליאָטעק. זי ווערט געשטיצט דורך דער יוגנט און דורך ליבהאָבער פון דראַמאַטישער קונסט.

דער קאָמיטעט „יעקאָפּאָ", וועלכער האָט שוין ביי אונז פריער געגעבן געלט אויף הלוואות, גרינדעט אין ניי-סווענציאַן אַ פאָלקס-באַנק. ביסלעכווייז הויבט די באַנק אָן צו ווערן דער עקאָנאָמישער פאַקטאָר פון יידישן אויפבוי, קאָנצענטרירנדיק אַרום זיך די געזעלשאַפטלעכקייט פון שטעטל. די פאָלקס-באַנק, גיט די מעגלעכקייט צו שטעלן אַ סך מענטשן אויף די פיס. עס קערן זיך אום די געפאַנגענע און היימלאָזע, און „יעקאָפּאָ", דורך דער פאַרמיטלונג פון אונזער באַנק, שטיצט זיי ווי מעגלעך. אַדאַנק דעם ווערט זיי געגעבן אַ מעגלעכקייט אָנצוהויבן צו פירן אַ לעבן: עס ווערן געקויפט פערד פאַר פורמאַנעס, פאַכלייט באַקומען קרעדיט, סוחרים הויבן אָן צו האַנדלען. מיט דער שטיצע פון „יעקאָפּאָ", דורך דער פאַרמיטלונג פון אונזער באַנק, באַקומען מיר מכשירים פאַר שניידער און שוסטער — ניי-מאַשינען וכדומה. די אינפלאַציע פון געלט מאַכט אָבער צונישט דעם גאַנצן קאַפּיטאַל פון פאָלקס-באַנק, אָבער נאָך דער דעוואַלוואַציע הויבט זיך ווייטער אָן אַן אַרבעט. ביסלעכווייז פאַרבעסערט זיך די לאַגע, און דער באַנק אַרבעט ווידער אַקטיוו.

.10

עס דאַרף דאָ דערמאָנט ווערן נאָך אַ צווייג פון אַרבעט, וואָס איז אָפּגעטאָן געוואָרן דורך ניי-סווענציאַן. זי איז ניט געווען קיין ריין-לאָקאַלע, נאָר מער אָדער ווייניקער אַן אַלגעמיין-יידישע אָנגעלעגנהייט. איך מיין דאָ די אַרבעט פאַר די היימלאָזע פון צפונדיקן ראַיאָן, וואָס זיינען רעעוואַקואירט געוואָרן פון רוסלאַנד. זיי קומען אָן צוערשט אין ליטע, זיינען אָבער געצוואונגען צו פאָרן ווייטער. ליטע האָט ניט קיין פאַרבינדונג מיט פוילן, און די היימלאָזע פאָרן אַריבער די גרעניץ אויף גאָטס באַראָט און אויפן יושר פון די פראָנט-איינוואוינער. עס קומט זיי אויס אויסצושטיין גרויסע צרות.

צוליב דער נאָענטקייט צו דער ליטווישער גרעניץ ווערט אונזער שטעטל אַ דורכגאַנגס-פונקט. עס שאַפט זיך אַ פוילישער פונקט פאַר היימלאָזע צוערשט אונטער דעם מיליטערישן קאָנטראָל און שפּעטער אונטער דעם ציווילן. מ'וויל ניט אַריינלאָזן די היימלאָזע, וואָס פאָרן דורך לאַטוויע (לעטלאַנד). עס ווערן אָבער אָנגענומען מיטלען, מען גיט צו וויסן „יעקאָפּאָ", מען אינטערווענירט. די באַדינגונגען ענדערן זיך צום גוטן. „יעקאָפּאָ" שאַפט אַ באַזונדערן פונקט פאַר היימלאָזע, וואו עס ווערט געטאָן אַ סך. אָרדנט איין אַ קיך, מען גיט אַרויס וועש מיט בגדים, מען שטיצט מיט געלט אויף הוצאות-הדרך. די אינטערווענץ פאַרנעמט אַ גרויסן אָרט און דאָס גיט אַ מעגלעכקייט צו באַזייטיקן איבעריקע ליידן. די באַציאונגען ווערן פיל בעסערע. „יעקאָפּאָ" גיט הילף ניט נאָר יידן, נאָר אויך קאַראַאימען, טאָטערן און קריסטן. די אַרבעט פאַרלייכטערט אַ סך דער דענעבורגער (דווינסקער) קאָמיטעט „יעקאָפּאָ", וואָס איז דאַן געגרינדעט געוואָרן דורכן ווילנער קאָמיטעט אין לעטלאַנד מיט דער מיטהילף פון די דאָרטיקע טוער. מיטן אָפּשטעלן פון דער רעעוואַקואַציע, האָט זיך דער פונקט געשלאָסן.

.11

צוליב דעם, וואָס די אַמעריקאַנער האָבן ניט געקענט שיקן זייערע קרובים קיין געלט בשעת דער מלחמה און אויך צוליב דעם, וואָס די געלטער פלעגן גיין פאַרלאָרן אָדער ווערן אַרויסגעצאָלט לויט זייער אַ נידעריקן קורס, האָט „יעקאָפּאָ" אין פאַרבינדונג מיט „האַיאַס" אויך איבערגענומען די דאָזיקע אַרבעט, גרינדנדיק אַן עמיגראַציע-ביוראָ אין ווילנע, ווי אויך אין אַנדערע שטעטלעך און געבנדיק די קרובים אַ מעגלעכקייט צו באַקומען געלט דירעקט אין דאָלאַרן אָדער לויט אַ ריכטיקן קורס.

די ביוראָען פלעגן אויסזוכן קרובים און געבן אינפאָרמאַציעס וועגן עמיגראַציע. אונזער שטעטלשע ביוראָ האָט פאַרבונדן די יידן מיט זייערע אַמעריקאַנער קרובים, אויף וויפל דאָס איז געווען מעגלעך, געאַרבעט אַ געוויסע צייט און לסוף האָט זי איבערגעגעבן די אַרבעט דעם שטאָטישן קאָמיטעט. איך זאָג קאָמיטעט, ווייל די מאַכט האָט די קהילה געשלאָסן.

אַ גרויסע און וויכטיקע אַרבעט איז אָפּגעטאָן געוואָרן דורך „יעקאָפּאָ" פאַר אונזער שטעטל אויפן געביט פון יתומים-פאַרזאָרגונג. מען האָט געגעבן אַ מעגלעכקייט צו עקסיסטירן, פאַרזאָרגט אויף ווייטער גאַנצע משפחות, געגעבן אַ גרויסע צאָל יתומים די מעגלעכקייט אויסצולערנען זיך אַ מלאכה, געלערנט זיי אין די שולן, געקליידט און געשוכט. די אַרבעט איז אָנגעפירט געוואָרן האַרציק און פול מיט איבערגעבנקייט.

ביסלעכווייז ווערן די פאַרשיידענע מינים שטיצע פון „יעקאָפּאָ" קלענער. ניי-סווענציאַן שטעלט זיך אַלץ מער אויף די אייגענע פיס. דער קאָנטאַקט מיט „יעקאָפּאָ" ווערט אָבער קיינמאָל ניט איבערגעריסן. „יעקאָפּאָ" פאַרבלייבט דער צענטער פאַר דער גאַנצער פראָווינץ.

דער קאָמיטעט „יעקאָפּאָ" פון יאָר 1919 אָן האָט פאַרדינט דעם נאָמען — רעפּרעזענטאַנץ פון פראָווינץ. דער קאָמיטעט איז געווען די ריכטיקע אָפּשפּיגלונג פון געגנט, איר פּאַרלאַמענט. די קאָנפערענצן און זיצונגען פלעגן תמיד דורכגיין מיטן גרעסטן ערפאָלג. דאָס אַלץ האָט געגעבן אַ מעגלעכקייט צו דערציען און אויסבילדן אויף דער פראָווינץ גוטע געזעלשאַפטלעכע טוער, וועקן און שטופּן צו אַרבעט. די טוער זיינען געווען איבערגעגעבן דער אַרבעט בלב ונפש.

„יעקאָפּאָ" האָט ערפילט איר גרויסע אויפגאַבע. און אייביק וועט עס מיר זיין טייער, און מיינע בעסטע דערמאָנונגען וועלן זיין די צען יאָר אַרבעט מיט די, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין איר אין „יעקאָפּאָ" אין ווילנע און אין ניי-סווענציאַן.

**העשל גורוויטש.**

ניי-סווענציאַן, 1925.

# מ ע ש ה ר אַ ק אָ ו ו.

אַ סך מי. און ענערגיע האָט „יעקאָפּאָ" אַריינגעלייגט אין דער אַרבעט פאַר די רעפּאַטריאַנטן פון רוסלאַנד, היימלאָזע און אַנטלאָפענע פון די פּאָגראָמען אויף אוקראַינע און אַנדערע מהומות. ניט ווייניק אַרבעט האָט זיך געפאָדערט פאַר די אַזויגערופענע „ראַקאָווער".

וואָס און ווער זיינען עס געווען די „ראַקאָווער"?

ווינטער 1922 האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען פון רוסלאַנד קיין ראַקאָוו, גאַנצע פּאַרטיעס פערזאָנען, וועלכע זיינען אומלעגאַל אַריבער די רוסיש-פּוילישע גרעניץ.

זיי אַלע האָבן זיך געפונען אין אַ שרעקלעכן צושטאַנד. גרעסטנטיילס זיינען דאָס געווען: 1) פרויען און קינדער, וועמענס מענער עס זיינען נאָך ביז דער וועלט-מלחמה אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע, איבערלאָזנדיק די פאַמיליעס אויף הפקר; 2) קינדער-יתומים, ביי וועלכע די מוטערס זיינען געשטאָרבן אין רוסלאַנד און די טאַטעס זיינען געווען אין אַמעריקע; און 3) זקנים און זקנות, וועמענס קינדער ס'האָבן שוין לאַנג געוואוינט אין אַמעריקע. אָט די אַלע האָבן אין רוסלאַנד איבערגעלעבט אַלע גרוילן פון דער מלחמה און מהומות. איבערלאָזנדיק אַ גרויסע צאָל קרבנות אין דער שרעקלעכער פאָגראָם-תקופה אויף אוקראַינע, האָבן זיי, איבעררייסנדיק אינגאַנצן מיט רוסלאַנד, זיך געלאָזט קיין פוילן, מיט דער האָפענונג פון דאָרט אַרויסצורייסן זיך קיין אַמעריקע (אין רוסלאַנד זיינען צו זיי דערגאַנגען קלאַנגען, אַז אין וואַרשע געפינט זיך אַן אַמעריקאַנער קאָנסול און אַן אַמעריקאַנער הילפס-געזעלשאַפט).

און אָט די אַלע נפשות האָבן זיך געלאָזן אין וועג אַריין אינמיטן ווינטער, אין ביטערע קעלטן, אָן וואַרימע וועש, אַ סך אַפילו אָן שיך און אָן געלט. און ס'איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואָס נאָכדעם, ווי זיי האָבן דורכגעמאַכט צענדליקער וויאָרסטן צופוס איבער וועלדער און וואָכנלאַנג זיך אָפגעוואַלגערט ביי די פויערים אין די דערפער, אויסבאַהאַלטנדיק זיך פון דער גרענעץ-שמירה, זיינען זיי אָנגעקומען צו אונז אַלע אָן אויסנאַם קראַנקע, מיט צוגעפראָרענע און אויסגעקראָכענע קעפ, מיט אָפגעפראָרענע פיס און הענט, מיט אָפגעשוואַכטע געהערן (די האָר אויף די קעפ און די אויערן האָט מען אויסגעהיילט מיט עלעקטרע, אָבער די פינגער פון די פיס און די הענט האָט מען ביי אַ סך געמוזט אַמפוטירן).

אויף וויפיל שרעקלעך עס איז געווען דער וועג, קאָן דינען דער פאָלגנדער מאוימדיקער פאַקט: איינע אַ יונגע פרוי, ביי וועלכער מען האָט דעם מאַן דערהרגעט אויף אוקראַינע, האָט באַשלאָסן צו פאָרן צו איר שוועסטער קיין אַמעריקע. ווען זי איז אַ האַלב-לעבעדיקע אַריבער די גרעניץ מיט אירע צוויי קליינע קינדער און אַריינגעפאַלן צו איינעם אַ פויער אין שטוב און האָט אַוועקגעלייגט אירע קינדער אין בעט, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי זיינען שוין טויט...

דאָס ערשטע, וואָס „יעקאָפאָ" האָט געטאָן פאַר די דאָזיקע עמיגראַנטן איז, וואָס זי האָט זיי געהאָלפן זיך אַריבערקלייבן פון ראַקאָוו קיין ווילנע. דאָ האָט מען זיי געגעבן דירות, מעדיצינישע הילף, באַשוכט, באַקליידט, געגעבן געלט. געשאַפן אומזיסטע מיטאָגן, אַן אומזיסטע באָד, און דער עיקר, געהאָלפן אויפזוכן און אויפשרייבן זיך מיט זייערע קרובים פון אַמעריקע, אַרויסגעפאָדערט פאַר זיי געלט, אַפידעוויטן און אַלע איבעריקע נייטיקע פאַפירן אויף צו פאָרן קיין אַמעריקע.

דאָס זיינען אָבער געווען נאָר די ערשטע טריט. פאָראויס איז געשטאַנען אַ שווערע און וויכטיקע אויפגאַבע: דערפירן זיי ביז אַמעריקע. און די דאָזיקע אויפגאַבע איז באמת געווען זייער אַ שווערע. ס'האָט זיך געפאָדערט אַ סך אויסגעהאַלטנקייט, אַרבעט און ענערגיע, אַ סך ליבע צו דער זאַך. ערשטנס האָט מען זיי געמוזט אַרויסרייסן פון דער השפעה פון די פאַרשיידענע מאַכערס, „אַגענטן" און שאַנטאַזשיסטן, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן דרייען אַרום זיי. מען האָט געמוזט געווינען זייער אַבסאָלוטן צוטרוי, ווי אויך דעם צוטרוי פון דער מאַכט, פון וועלכער ס'איז געווען אָפהענגיק דער ווייטערדיקער גורל פון די עמיגראַנטן. און דער צוטרוי האָט זיך געפאָדערט נאָך באַזונדערס צוליב פאָלגנדע סיבות.

די ערשטע ראַקאָווער גרופע אין אַ צאָל בערך פון 200 מאַן, זיינען, ווי עס איז שוין פריער געזאָגט געווען, אַריבער אומלעגאַל די גרעניץ, און דערפאַר האָט די מאַכט באַשלאָסן אָפשיקן זיי גלייך צוריק קיין רוסלאַנד. מען קאָן זיך לייכט פאָרשטעלן די אימה, וואָס האָט אַרומגענומען די פיזיש און גייסטיק-צומאַטערטע מענטשן.

ניט האָבנדיק קיינע שום דאָקומענטן, ניט זיינענדיק אין ערגעץ צוגעשריבן, פלעגן זיי אָפט אַריינפאַלן אין די הענט פון דער פאָליציי, וועלכע פלעגט זיי אַוועקפירן אין די אַרעסט-הייזער. און ס'פלעגט אויסקומען אַ סך צו טאָן, כדי זיי צו באַפרייען. אַזעלכע אַרעסטן זיינען געוואָרן כראָניש. מיט דעם האָבן זיך באַנוצט פינצטערע פאַרשוינען, וועלכע פלעגן פאַרלייגן די אומגליקלעכע עמיגראַנטן כלומרשט זייער הילף און אַזוי-אַרום אויסנאַרן ביי זיי די לעצטע גראָשנס.

קודם-כל האָט מען אַלזאָ געדאַרפט אינטערווענירן ביי דער פאָליציי-מאַכט וועגן אָפשטעלן די אַרעסטן. די השתדלות האָט געהאָלפן און די אַרעסטן זיינען אָפגעשטעלט געוואָרן (טאָמער פלעגט זיך טרעפן אַ פאַל, פלעגט מען עס לייכט ערליידיקן). דערביי האָט די מאַכט פאַרגעלייגט דעם קאָמיטעט „יעקאָפאָ", אַז ביז וואַנען די פראַגע וועט געלייזט ווערן, זאָל ער יעדן עמיגראַנט אַרויסגעבן אַ מאָנאַטלעכע באַשטעטיקונג מיט אַ פאָטאָגראַפיע. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז געטאָן געוואָרן און מער פלעגן זיך שוין אַזעלכע אינצידענטן ניט טרעפן.

אין דער זעלבער צייט האָט זיך „יעקאָפאָ" משתדל געווען וועגן לעגאַליזירן די עמיגראַנטן, ביז וואַנען זיי וועלן קענען אָפפאָרן קיין אַמעריקע.

די מאַכט האָט אינגיכן אַליין פאַרשטאַנען די נוצלאָזיקייט פון דעם אַרויסשיקן, ווייל די אַרויסגעשיקטע פלעגן זיך אומקערן צוריק. דאָס איז נאָר געווען אַן אומזיסטער שפאַציר איבער דער גרעניץ.

די אָנגעשראָקענע „ראַקאָווער" פלעגן זיך דערווייל צוהערן צו אַלערליי קלאַנגען וועגן אַרעסטן, וועגן אַרויסשיקעניש און אייניקע האָבן זיך דאָך געלאָזן איבערריידן פון די פאַרשיידענע מאַכערס, וועלכע פלעגן קומען צו זיי מיט פאָרשלאָגן, אַז פאַר אַ היפשע באַלוינונג וועלן זיי שאַפן פאַר זיי אין אַ משך פון 2—3 וואָכן אַלע נויטיקע פאַפירן אויף צו פאָרן קיין אַמעריקע. די לייכטגלויביקע האָבן זיך שפעטער שווער באַצאָלט דערפאַר.

נאָך שטאַרקער איז געוואָרן די שאַנטאַזש-מגפה, ווען די ראַקאָווער האָבן אָנגעהייבן צו באַקומען דאָלאַרן פון אַמעריקע און ווען עטלעכע האָבן אויך דערהאַלטן די נויטיקע דאָקומענטן אויף אַמעריקע. דאָס האָט געצוואונגען „יעקאָפאָ" אָנצונעמען נאָר אינטענסיווערע מיטלען און אויפצודעקן פאַר דער מאַכט די גאַנצע לאַגע און די דעמאָראַליזאַציע, צו וועלכער זי ברענגט.

נאָכדעם ווי עס איז פאַר דער מאַכט קלאָר געוואָרן די לאַגע, האָט מען די עמיגראַנטן אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן צייטווייליקע וואוינונגס-ערלויבענישן („קאַרטי פאָביטו") און דאַן, ווי נאָר זיי פלעגן באַקומען די פאַפירן פון אַמעריקע, האָט מען זיי אָנגעהויבן אַרויסגעבן אויסלענדישע פעסער, וואָס עס האָט אינגאַנצן באַרואיקט די עמיגראַנטן.

אין משך פון דער צייט, וואָס מען איז זיך משתדל געווען ביי דער מאַכט, זיינען אייניקע עמיגראַנטן דאָך אַריינגעפאַלן אין נעץ פון די אַפעריסטן. זיי זיינען מיט זייערע פאַלשע דאָקומענטן פאַרהאַלטן געוואָרן און האָבן זיך געמוזט אָפוואַלגערן חדשים אין טורמע. און שוין די גליקלעכע האָבן אָפגעפטרט

מיטן פאַרלירן דאָס געלט און די אַפּידעוויטן.

די צאָל אַנטלאָפענע פון רוסלאַנד פלעגט אַלץ צוקומען און צוקומען. אויף אַלע אונזערע בקשות איז אונז די מאַכט געגאַנגען אַנטקעגן, מיט וואָס זי האָט נאָר געקאָנט: עס איז דורכגעפירט געוואָרן אַ רעגיסטראַציע פון די פּערזאָנען, וועלכע זיינען אומלעגאַל אַריבער די גרעניץ, אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף זיי אַ געוויסע שטראָף, און דאַן פלעגט מען זיי אַרויסגעבן די נייטיקע דאָקומענטן, אַדאַנק וועלכע זיי פלעגן באַקומען דאָס רעכט צו בלייבן וואַרטן ביז זייער אָפּפאָר קיין אַמעריקע. ווען „יעקאָפּאַ" פלעגט דערוויזן, אַז דער אָדער יענער עמיגראַנט, איז ניט בכח צו באַצאָלן די שטראָף, פלעגט מען די שטראָף פאַרקלענערן, אָדער איגגאַנצן פון איר באַפרייען.

דאָ הויבט זיך אָבער אָן אַ צווייטער נייער קאַפּיטל פון פּיין און צרות: נאָכדעם ווי מען האָט שוין באַקומען דעם אויסלענדישן פּאַס, האָט מען נאָך געדאַרפט באַקומען פון אַמעריקאַנער קאָנסול אַן איינטריטס־קאַרטע („קאַרטאַ ווסטעמפּו"), ד. ה. אַ נומער, לויט וועלכן מען האָט אין אַ באַשטימטן טאָג געדאַרפט קומען נאָך דער וויזע. און דאָ איז מען געבליבן שטעקן. דער אַמעריקאַנער קאָנסול פלעגט באַשטימען דעם טאָג פון דער וויזע ניט פריער ווי אין 8–10 חדשים אַרום, אין דער צייט ווען פאַר די אָרטיקע עמיגראַנטן פון פּוילן פלעגט ער זי באַשטימען אין 2–3 חדשים אַרום, ניט נעמענדיק אין אַכט, אַז די אָרטיקע עמיגראַנטן זיצן אויף די ערטער אין זייערע דירות און זיינען ניט אונטערגעוואָרפן אונטער קיינע שום גירושים.

און ווידער האָבן זיך אַ ריר געטאָן די אַפּעריסטן, אָבער מיט זייער אַ שוואַכן ערפאָלג, ווייל דער צוטרוי צום קאָמיטעט איז שוין געווען שטאַרק ביי די עמיגראַנטן. און ווידער האָט זיך אָנגעהויבן די שתדלנות ביי דער מאַכט. טאָג־טעגלעך האָט מען געמוזט זיין אין רעגירונגס־קאָמיסאַריאַט און אויך דאָרט איז געווען צו אונז אַ פולער צוטרוי. די פּעסער זיינען גלייך פּראָלאָנגירט געוואָרן. אומעטום פלעגט מען אונז אַריינלאָזן אויסער דער ריי, וואָס עס האָט זייער פאַרלייכטערט די אַרבעט.

ענדלעך האָבן זיך די עמיגראַנטן באַרויִקט. באַזאָרגטע מיט אַ נומער אויף אַ וויזע, מיט געלט, מיט אָפטע ערמונטערנדע בריוו פון זייערע קרובים פון אַמעריקע, האָבן זיי אָנגעהויבן אַ ביסל קומען צו זיך. האָבן אָנגעהויבן בעסער צו עסן. זיך באַקליידט, אָנגעהויבן איינקויפן די נייטיקע זאַכן אויפן וועג, און דאַכט זיך קיינעם ניט געשטערט, שטיל געוואַרט אויפן טאָג פון זייער אָפּפאָר.

דער צוטרוי פון די עמיגראַנטן צו „יעקאָפּאַ" איז געווען זייער גרויס. זיי האָבן זיך צוגעהערט צו אַלץ, וואָס מען האָט זיי געראַטן. זיי האָבן זיך געקראָגן פאַרשיידענע ביכער, האָבן אויסגעשריבן אַן אַלגעמיינע צייטונג. זיי פלעגן זיך אויפקלייבן אינאָווענט, פלעגן לייענען צוזאַמען. אייניקע האָבן געשאַפן אַ גרופּע אויף צו לערנען ענגליש. עס זיינען געווען ניט ווייניק אַזעלכע, וואָס האָבן צום אָפּפאָרן געלייענט און פאַרשטאַנען אַ בוך און אויך גערעדט גאַנץ פליסיק. די יונגוואַרג האָט געשאַפן אַ גרופּע צו לערנען יידיש. מען פלעגט זיי פירן אין די יידישע טעאַטערס, אויף קאָנצערטן, אין קינאָס. אַלץ איז, דאַכט זיך, געגאַנגען אַזוי גוט, אַז דאָס האַרץ האָט זיך פשוט געפרייט, קוקנדיק אויף דער דאָזיקער מעטאַמאָרפאָזע.

נאָר אָט הויבן זיך אָן בלבולים אויף בלבולים: די עמיגראַנטן פאַרנעמען זיך פלומרשט מיט ספּעקולאַציע, זיי ווילן ניט אַרויספאָרן פון פּוילן, זיי קויפן איין אַלע פּראָדוקטן און צוליב זיי וואַקסט דער יקרות. און דאָ האָט זיך ווי אַ דונער אַראָפּגעלאָזן אַ שרעקלעכע פאַראָרדענונג, אַז מען זאָל די אַלע עמיגראַנטן, וועלכע האָבן נאָך ניט באַוויזן אָפּפאָרן קיין אַמעריקע, אַרויסשיקן צוריק קיין רוסלאַנד.

מען קאָן זיך פאָרשטעלן וואָס פאַראַ קלאַפּ דאָס איז געווען אי פאַר די עמיגראַנטן, אי פאַר אונז, נאָך דעם, ווי מען איז בייגעקומען אַלע שוועריקייטן, נאָך אַ גאַנצן יאָר וואַרטן (די פאַראָרדענונג איז אַרויס אָנהויב 1923), נאָכדעם ווי מען האָט געפּטרט אַזוי פיל כוחות און אַזוי פיל אומדערמידלעכע אַרבעט, און די עמיגראַנטן זיינען שוין געשטאַנען ביי די טירן פון אַמעריקע. אַ שרעק און אַ פּאַניק האָט די פאַראָרדענונג אַרויסגערופן ביי די עמיגראַנטן.

ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ יללה. די עמיגראַנטן פלעגט מען אַרעסטירן. ס'זיינען באַשטימט געוואָרן די טעג אויף אַרויסצושיקן. אונז האָט זיך אָבער איינגעגעבן אַלעמען אָפּצוהאַלטן און קיין איין עמיגראַנט אונזערער איז ניט אַרויסגעשיקט געוואָרן.

ס'זיינען געווען פאַלן, ווען די עמיגראַנטן זיינען שוין געזעסן אין די צוגן און געדאַרפט אָפּפאָרן און דאָך האָבן מיר זיי באַוויזן אָפּצוהאַלטן.

און דאָ הויבט זיך ווידער אָן די שתדלנות ביים אינערן־מיניסטער.

די עמיגראַנטן זיינען געווען שרעקלעך אָנגעשראָקן. זיי האָבן כמעט פאַרלאָרן יעדע האָפענונג זיך זען מיט זייערע קרובים, צו וועלכע זיי האָבן געשטרעבט שוין אַזוי פיל יאָר. זיי פלעגן ניט נעכטיקן אין דערהיים, טאָמער כאַפּט מען זיי ביינאַכט און מען שיקט זיי אַרויס. און דאָס האַרץ האָט זיך צעריסן, זעענדיק די אומגליקלעכע, נידערשלאָגענע מענטשן.

ענדלעך, נאָך אַ גאַנצער ריי שתדלנות, האָט זיך איינגעגעבן, צו באַקומען אַן ערלויבעניש צייטווייליק צו באַזעצן די עמיגראַנטן אין די קליינע שטעטלעך, וואָס געפינען זיך נאָענט צו וואַרשע, ווי צעכאַנאָוו, וואָלאָשמיי און אַנדערע. אייניקע האָט מען אויך ערלויבט צו בלייבן אין ווילנע, אָבער יעדע וואָך, האָבן זיי זיך געמוזט מעלדן אין דער פּאָליציי. אונטער דער דאָזיקער אויפזיכט זיינען זיי געווען ביזן אָפּפאָרן קיין אַמעריקע. און דער לעצטער ענדגילטיקער טאָג איז געווען דער 15־טער אַפּריל 1923. דער גרעסטער טייל עמיגראַנטן האָבן אָבער געהאַט זייערע נומערן אויף סעפּטעמבער, אָקטאָבער, דעצעמבער 1923. שווער אויפן האַרצן איז געווען די עמיגראַנטן. זיי האָבן געוואַרט אויף אַ נס. אַלע שתדלנות ביים אַמעריקאַנער קאָנסול זיינען געבליבן אינגאַנצן אָן ערפאָלג. די פּוילישע עמיגראַנטן פלעגן אַוועקפאָרן און די רוסישע פלעגן באַקומען נומערן כמעט אויפן יאָר 1924.

דערווייל האָט זיך דערנענטערט דער טאָג פון 15־טן אַפּריל 1923. די לאַגע איז געווען אַן אָנגעשטרענגטע. ווידער האָט זיך אָנגעהויבן אַ פיבערהאַפטע אַרבעט. מען האָט געמוזט ראַטעווען מענטשן, וועלכע זיינען געשטאַנען פאַר אַ תהום. אַ גרויסער טייל האָט באַשלאָסן צו פאָרן אַבי וואו, נאָר ניט אַרויסגעשיקט ווערן צוריק. מען איז געפאָרן קיין קובע, מעקסיקע, אַרגענטינע, וואו מען האָט אַריינגעלאָזן צו יענער צייט. ס'זיינען בלויז נייטיק געווען אויסלענדישע פּעסער. מיר האָבן זיך געווענדעט אין רעגירונגס־קאָמיסאַריאַט, וועלכער האָט זיך באַציגן צום ענין מיט גרויס מיטגעפיל און איז אונז אין אַלץ געגאַנגען אַנטקעגן.

מען האָט אַרויסגעגעבן פּעסער אין אַ משך פון 24 שעה און אין די טעג פון 14–15 אַפּריל, אין משך פון 2–3 שעה.

אַזוי אַרום, האָט זיך כּמעט אַלע עמיגראַנטן, וואָס זײַנען געווען אין ווילנע און אומגעגנט, אײַנגעגעבן אַרויספאָרן. אַ סך עמיגראַנטן זײַנען אַריבערגעפאָרן קיין דאַנציג, וואו ס'זײַנען געווען פאַר זיי באַראַקן און הילף בײַ דער דאַנציגער אָפּטיילונג פון „היאַס". דאָך זײַנען אייניקע גרופּעס עמיגראַנטן פאַרבליבן אין וואַרשע.

דאָס לעבן פון אַ סך עמיגראַנטן איז געווען אינגאַנצן צעבראָכן. אַזוי זײַנען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געדאַרפט באַקומען וויזעס אין מאַי, יוני און דעריבער זײַנען זיי געלאָפן קיין קובע, מעקסיקע, הגם די באַדינגונגען פון לעבן זײַנען דאָרט זייער שווערע, דער קלימאַט ניט צוגעפּאַסט פאַר זיי, און אויף אַריבערקלײַבן זיך קיין אַמעריקע, האָבן זיי דאַן דאָרט פריער געמוזט אָפּזיצן אַ לענגערע צײַט. מאַטעריעל איז דאָס אויך ניט געווען נאָך זייערע כּוחות, צווישן די עמיגראַנטן זײַנען געווען: זקנים, קינדער און יתומים.

ענדלעך האָט די פּוילישע מאַכט ערלויבט דעם רעשט עמיגראַנטן צו בלײַבן אין פּוילן ביזן 1-טן סעפּטעמבער 1923. און דער אַמעריקאַנער קאָנסול האָט אײַנגעשטימט איבערצובײַטן די נומערן אויף דער צײַט ביזן 1-טן סעפּטעמבער. אַ סך פאַמיליעס, האָבן זיך, צערואינירטע פון די אָפּטע איבערפאָרענישן, אומגעקערט צוריק קיין ווילנע. די אימה, אין וועלכער די מענטשן האָבן דאָ געלעבט, קאָן מען גאָרניט באַשרײַבן. קראַנקע, אויסגעמאַטערטע, מיט צעשיטערטע נערוון (אייניקע זײַנען געווען כּמעט משוגע פון דעם אייביקן דוכטן זיך, אַז מען פאַרפאָלגט זיי) און אייביקן שרעק פאַר נײַע אַרויסשיקענישן און פאַראָרדענונגען, פלעגן זיי מורא האָבן פאַר יעדן שאָרך, פאַר יעדן קלאַפּ אין טיר.

איינמאָל, שבת, בין איך אַוועק באַזוכן אַ גרופּע עמיגראַנטן. זיי פלעגן זיך שטענדיק זייער פרייען און עס פלעגט זיי שטאַרק באַרויִקן מײַן קומען.

אויף מײַן אָנקלאַפּן אין טיר, אויף דער פראַגע: „ווער איז דאָרט?" האָב איך, על פּי טעות, געענטפערט אויף פּויליש. און ווען מען האָט מיר אַרײַנגעלאָזן, האָב איך זיי געפונען דערשראָקן ביז חלשות. ס'האָט זיך זיי געדוכט, אַז מען גייט זיי אַרעסטירן. מיר האָט זיך קוים אײַנגעגעבן זיי צו באַרויִקן.

ניט אַלעמען האָט זיך אײַנגעגעבן אַרויסצופאָרן ביזן 1-טן סעפּטעמבער, ווײַל ניט אַלעמען האָט דער קאָנסול איבערגעביטן די נומערן. דאָך האָבן מיר פאַר אונזער אַרבעט באַקומען אַ פולע באַפרידיקונג. אַלע אונזערע עמיגראַנטן, מיט גאָר אַ קליינעם אויסנאַם, זײַנען איצט אין אַמעריקע מיט זייערע קרובים. מיר באַקומען פון זיי דאַנקבאַרע בריוו. באַזונדערס רירנד זײַנען די בריוו און פאָטאָגראַפיעס פון די קינדער.

**רבקה סטערניק.**

אויגוסט, 1924.

---

# אין אַ גרעניץ-פּונקט פאַר היימלאָזע אין דער צײַט פון דער ליטווישער הערשאַפט.

אַלס באַפולמעכטיקטער פון „יעקאָפּאָ" איז מיר אויסגעקומען אין יאָר 1920 איבערצונעמען די היימלאָזע, וועלכע האָבן זיך אומגעקערט פון רוסלאַנד אין זייער היים — ליטע.

דער שטראָם פון די דאָזיקע היימלאָזע איז דאַן געווען זייער אַ גרויסער און איז געגאַנגען עשאַלאָנענווייז דער עיקר דורך מאָלאָדעטשנע און סמאָרגאָן. קיין שוועריקייטן אין הינזיכט פון אַריבערגיין די גרעניץ איז די היימלאָזע ניט געמאַכט געוואָרן ניט מצד דער רוסישער, ניט מצד דער ליטווישער מאַכט. דער גרעניץ-פּונקט האָט זיך געפונען אין דאָרף סלאָבאָדקע 4 וויאָרסט ווייט פון דער סטאַנציע און שטעטל גודאָגאַי. אין דעם דאָזיקן דאָרף האָט זיך געפונען דער ליטווישער באַפולמעכטיקטער איבער די רעעוואַקואַציע-ענינים און דאָרטן פלעגן פון צײַט צו צײַט קומען אויך פאָרשטייער פון דער רוסישער מאַכט צו פאַרשטענדיקן זיך אין רעעוואַקואַציע-פראַגן.

ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס די ליטווישע הערשאַפט האָט אין ווילנער געגנט געדויערט אַ גאַנץ קורצע צײַט, זײַנען דורך דער צײַט דאָך אָנגעקומען פון רוסלאַנד און אָפּגעשיקט געוואָרן אין זייערע היימען עטלעכע טויזנט היימלאָזע. די לאַגע פון די היימלאָזע איז גרעסטנטייל געווען אַ שלעכטע. נאָך לאַנגע יאָרן וואַלגערניש, הונגער און נויט האָבן זיי זיך אומגעקערט אין זייערע היימען דערשלאָגענע, פאַראָרימטע און ניט זעלטן קראַנקע.

מײַן אויפגאַבע אַלס באַפולמעכטיקטער פון „יעקאָפּאָ" איז געווען צו קומען די היימלאָזע צו הילף מיט עסן, צו פאַרלײַכטערן זיי די פאַרבינדונג מיט דער מאַכט, אינפאָרמירן זיי וועגן דער לאַגע אין לאַנד און קומען זיי אַנטקעגן מיט יורידישע עצות.

צו דעם צוועק האָט דער ליטווישער קאָמענדאַנט איבער דער גרעניץ-וואַך, וועלכער האָט געוואוינט אין שומסק, מיר אַרויסגעגעבן אַן ערלויבעניש דורכצוגיין פרײַ אַלע פּאָסטנס בײַ דער גרעניץ-וואַך און פרײַ זיך באַוועגן אין דער גאַנצער געגנט, וואו ס'גייען די היימלאָזע און געפינען זיך אין רשות פון דער ליטווישער מאַכט. (אגב האָט דאָס ניט געשטערט שוין דעם ערשטן פּאָסטן בײַ שומסק מיר אויפן שטרענגסטן אופן צו רעווידירן און צו זוכן בײַ מיר אין די קעשענעס און אין וואָגן).

עשאַלאָנען מיט היימלאָזע פלעגן אָנקומען יעדן טאָג און גלײַך איבערטראַנספּאָרטירט ווערן קיין ווילנע, וואו מ'האָט זיי סאָרטירט און פונאַנדערגעשיקט אין פאַרשיידענע שטעט און שטעטלעך פון ליטע.

צום סוף האָט זיך גאַנץ אומדערוואַרט פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז אַן אָפּגעריסענער טייל פון דער פּוילישער אַרמיי גייט פאַרנעמען ווילנע, און געפינט זיך שוין אין דער גרעניץ-געגנט פון רוסלאַנד און ליטע. און ווירקלעך האָט זיך אָנגעהויבן אַ פיבערהאַפטע צוגרייטונג פון דער ליטווישער מיליץ, וועלכע האָט זיך געפונען אין גודאָגאַי, אָפּצוטרעטן פון שטעטל. בײַנאַכט איז די גאַנצע מיליץ צוגעגרייט געוואָרן אָפּצוטרעטן און געבליבן וואַרטן אויף אַ באַפעל. אַרום שטעטל איז אויסגעשטעלט געוואָרן אַ גאַנצע ריי קוילנוואַרפערס און פאַרגרעסערטע פּאַטרולן זײַנען אַרויסגעשיקט געוואָרן צו באַאָבאַכטן די געגנט.

די נאַכט איז דורכגעגאַנגען שטיל, נאָר די שטימונג און אַטמאָספער זײַנען שוין פאַרבליבן זייער אָנגעשטרענגטע.

אויך אויף מאָרגן אינדערפרי איז די לאַגע נאָך ניט געווען אויפגעקלערט, דאָך האָט זיך געשפּירט, אַז ס'גרייטן זיך נײַע סורפּריזן און נײַע איבערלעבענישן.

וויסנדיק, אַז דורך דערזעלבער נאַכט דאַרפן אָנקומען פון רוסלאַנד אַן ערך 500 היימלאָזע און האָבנדיק באַשטימט אויף דעם טאָג אַ צוג אָפּצופירן די היימלאָזע קיין ווילנע, האָב איך ניט קוקנדיק אויף די עצות פון אַלע אַרומיקע, ניט צו שטעלן דעם לעבן אין סכּנה אויף צו גיין קיין סלאָבאָדקע באַגעגענען די היימלאָזע (קיין פורן האָט מען שוין ניט געקענט באַקומען, ווײַל זיי זײַנען אַלע געווען רעקוויירט פון

דער ליטווישער פּאָליציי׳, האָב איך פאָרט באַשלאָסן אויסצופירן מיין אויפגאַבע ביזן סוף און אַוועקגעגאַנגען קיין סלאָבאָדקע.

קומענדיק בשלום קיין סלאָבאָדקע האָב איך שוין געפונען אייניקע הונדערט היימלאָזע אָנגעקומען דורך נאַכט, און פיל פון זיי האָבן שוין געהאַט שיינען (פּשעפּוסטקעס) פון דער פּוילישער מיליטער-מאַכט, וועלכע זיי האָבן געטראָפן אויפן וועג.

די ידיעה וועגן דעם, אַז די פּאָלאַקן גייען פאַרנעמען ווילנע האָט זיך בליץ-שנעל פאַרשפּרייט צווישן די היימלאָזע און דאָס האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע באַאומרואיקונג אין זייערע רייען צוליב דער מורא, אַז ס'וועט זיי ווידער ניט געלינגען אָנצוקומען אַהיים. די באַאומרואיקונג איז געוואָרן נאָך גרעסער, ווען דער באַשטעלטער צוג פון ווילנע איז צו דער באַשטימטער צייט ניט אָנגעקומען און אין דאָרף סלאָבאָדקע איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ פאַראָרדענונג, אַז קיינער זאָל זיך ניט געפינען אין גאַס, נאָר אַלע זאָלן זיך באַהאַלטן אין די הייזער אָדער אַוועקגיין צו דער באַן-ליניע, ווייל יעדע מינוט קען מען דערוואַרטן אַן אַטאַקע מצד די פּאָלאַקן.

ענדלעך, אַזייגער 12 בייטאָג, האָט זיך באַוויזן דער אָנקומענדיקער צוג און די שמחה פון די רעעמיגראַנטן איז געוואָרן אין לשער. פיל האָבן געוויינט פאַר פרייד און מיר געבעטן איבערגעבן זייער הערצלעכסטן דאַנק דעם קאָמיטעט „יעקאָפּאָ“ פאַר אַלע מי און זאָרג, וועלכע ער האָט אַרויסגעוויזן כדי צו ברענגען זיי אין זייער היים, פון וועלכער זיי זיינען פאַרטריבן געוואָרן מיט פיל יאָרן צוריק.

נאָר אָנשטאָט די באַשטעלטע 15 וואַגאָנעס זיינען צוגעשיקט געוואָרן נאָר 7 וואַגאָנעס, און אַלע האָבן דאָס אָנגענומען פאַר גוט, אַבי נאָר באַקומען די מעגלעכקייט צו דערשלעפּן זיך ביז ווילנע. און אַלע 500 רעעמיגראַנטן האָבן זיך „אָנגעלאָדן“ מיט זייערע געפּעק אין די 7 וואַגאָנעס, וואו מ'האָט זיי געטיילט ברויט מיט קאַרטאָפל, וועלכע „יעקאָפּאָ“ האָט פאַר זיי צוגעגרייט און אויף אַזאַ אופן האָבן זיי זיך אַרום 4 אַזייגער בייטאָג דערשלעפּט ביז ווילנע, וואו ס'האָבן זיי ווידער אָפּגעוואַרט פאַרשטייער פון „יעקאָפּאָ“ און באַזאָרגט זיי די ווייטערדיקע רייזע קיין ליטע.

ווען דער צוג איז אָנגעקומען קיין ווילנע, האָט זיך שוין שטאַרק געשפּירט די עוואַקואַציע פון די ליטווינער: אַלע ליניעס זיינען געווען פאַרנומען מיט צוגן, וועלכע האָבן אַרויסגעפירט די ליטווישע אינסטיטוציעס און באַאַמטע קיין קאָוונע און ס'איז געגאַנגען אַ פיבערהאַפטע אַרבעט וואָס גיכער דורכצופירן די עוואַקואַציע.

נאַטירלעך, האָט יעדער היימלאָזער מיטגעפירט מיט זיך זיינע לעצטע בעבעכעס, וועלכע זיינען אים איבערגעבליבן פון זיינע גלות-יאָרן און וועלכע האָבן מייסטנס אויסגעמאַכט זייער גאַנצן פאַרמעגן. דאָס איינציקע, וואָס האָט געטרייסט די היימלאָזע, איז געווען די האָפענונג, אַז אינדערהיים וועלן זיי ענדלעך געפינען אַן אָרט, וואו דעם קאָפּ אַוועקצולייגן, אָפּרוען זיך פון די לאַנגיעריקע זוכעניש אין די ווייטע געגנטן פון רוסלאַנד, וואו דער שלימזלדיקער גורל האָט זיי פאַרוואָרפן און וואו זיי זיינען אויסגעשטאַנען כל המינים צרות און זיך דאָך צו קיין זאַך ניט דערשלאָגן. נאָר ניט אַלעמענס האָפענונגען זיינען מקוים געוואָרן.

אין וועג האָבן זיי אויך געהאַט אויסצושטיין ניט ווייניק צרות. דער גרעסטער טייל פון די היימלאָזע האָט זיך געפונען אין וועג 5—6 און זאָגאַר 8—10 וואָכן, די גאַנצע צייט אין די וואַגאָנעס, אין העכסט אַנטי-סאַניטאַרע באַדינגונגען.

מיט די רוסישע צוגן פלעגט מען די היימלאָזע צופירן ביז דער סטאַנציע סאָל און פון דאָרטן ביז סלאָבאָדקע האָבן זיי געמוזט גיין צופוס און אויף אַריבערצופירן די זאַכן האָט מען געשטעלט אין רשות פון די היימלאָזע אייניקע וואַגאָנעטקעס, וועלכע זיי האָבן אַליין געשטופּט ביז סלאָבאָדקע, וואו ס'האָבן זיי איבערגענומען די ליטווישע צוגן.

מצד די ליטווישע באַאַמטע איז די באַציאונג צו די היימלאָזע דאַן געווען אַ גאַנץ גוטע און זיי האָבן ניט געמאַכט קיין שום אונטערשייד צווישן יידן און קריסטן.

אויף מאָרגן דעם 9-טן אָקטאָבער 1920 איז ווילנע פאַרנומען געוואָרן דורך גענעראַל זשעליגאָווסקיס אַרמיי.

לויט ווי די לעצטע היימלאָזע האָבן איבערגעגעבן, האָט מען זיי געבראַכט מיט די רוסישע צוגן ביז מאָלאָדעטשנע און דאָרט זיי געוואָלט אַרויסזעצן, נאָר נאָך פיל מי האָט זיך זיי איינגעגעבן צו פועלן מ'זאָל זיי צופירן ביז סטאַנציע סמאָרגאָן, וואו מ'האָט זיי אַרויסגעזעצט און נאָכן אויפרייסן די ליניע, איז דער צוג אַוועק צוריק קיין רוסלאַנד און אין רשות פון די היימלאָזע האָט מען איבערגעלאָזן אייניקע וואַגאָנעטקעס, מיט וועלכע זיי האָבן געבראַכט זייערע זאַכן ביז סלאָבאָדקע.

**חיים חזאן.**

# אונטער דריי מאַכטן.

.1

אַ געדיכטע מענטשן-מענגע, מיט בלייכע, אויסגעצערטע פּנימער און אָנגעטאָן אין שמאַטעס, האָבן באַלאַגערט דעם בנין פון דער „קייזערלעכער דויטשער אָרטס-קאָמאַנדאַנטור צו נאָוואָגרודעק“ אין דעם ווינטערדיקן פרימאָרגן אָנהייב 1918, אין וועלכן עס איז אָנגעקומען די ידיעה פון דעם אונטערגעשריבענעם בריסקער שלום-אָפּמאַך צווישן דייטשלאַנד און רוסלאַנד. מען האָט ערוואַרט אַ באַלדיקע ישועה, אַ גאַר גיכע דערלייזונג פון דער שרעקלעכער לאַגע, אין וועלכער די שטאָט נאָוואָגרודאָק האָט זיך געפונען צייט הערבסט 1915. דערהויפּט זיינען געווען פול מיט האָפענונג די היימלאָזע פון די אַרומיקע שטעטלעך: ל ו ב ט ש, ק אָ ר ע ל י ט ש, ה אָ ר אָ ד י ש ץ, ד ע ל י אָ ט י ט ש און נ יי ש ט אָ ט, וועלכע האָבן זיך געפונען אין אַ צאָל פון איבער 300 משפחות אין נ אָ וו אָ ג ר ו ד אָ ק. זיי האָבן נאָך ניט געוואוסט פון דעם פולשטענדיקן חורבן פון זייערע שטעטלעך און האָבן געטרוימט וועגן אַ גיכן צוריקקערן זיך אין זייערע היימען.

אָבער דער שלום האָט נאָך ווייט ניט געבראַכט קיין דערלייכטערונג. פאַר 90 פּראָצ. פון דער באַפעלקערונג איז די לאַגע אין זומער 1918 פשוט געוואָרן קאַטאַסטראָפאַל. די דייטשן האָבן גענומען אָפּשטעלן די עפנטלעכע אַרבעטן ביים בויען און פאַרריכטן די וועגן אין די וועלדער א. א. ביי וועלכע עס האָבן פאַרדינט זייער טעגלעכן ברויט יונג און אַלט, מאַן און פרוי, מ'קען זאָגן די גרעסערע העלפט פון דער באַפעלקערונג. שווערער פון אַלעמען האָט זיך עס געלאָזט פילן צווישן די הונדערטער היימלאָזע משפחות, וועלכע האָבן ווייטער געמוזט פאַרבלייבן אין נאָוואָגרודאָק, ווייל אומקערן זיך אין זייערע אַלטע היימען, אין אַ געגנט, וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַן אמתן מדבר, האָבן געקענט נאָר געציילטע משפחות, וועלכע האָבן געפילט, אַז זיי באַזיצן נאָך אַ ביסל מאַטעריעלע מיטלען און פיזישע כוחות.

איך האָב אין משך פון זומער 1918 פיל מאָל באַזוכט, אין אויפטראָג פון „יידישן בוי און איבערזידלונגס-קאָמיטעט אין נאָוואָגרודעק”, די אויבנדערמאָנטע שטעטלעך אויסער האָראָדישץ. עס איז ממש געווען צו באַוואונדערן די אויסערגעוויינלעכע עקשנות און די איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונגען פון די ווייניקע, וואָס האָבן זיך צוריקגעקערט און זיך גענומען צום אויפשטעלן זייערע חורבות.

אַ באַזונדערס שוידערלעכן איינדרוק האָט געמאַכט דאָס שטעטל ל ו ב ט ש. פון די איבער 500 בנינים פון פאַר דער מלחמה איז פאַרבליבן קוים אַ צענדליק חורבות. אַלץ דאָס איבעריקע איז געווען אַראָפּגעמעקט פון דער ערד, אַזוי ווי דורך אַ מבול. די גאַסן זיינען געווען דורכגעגראָבן אין פאַרשיידענע ריכטונגען מיט אָקאָפּעס און גריבער. אומעטום האָבן זיך דערהויבן אָנגעשאָטענע ערד-וואַלן. באַוואַקסענע מיט ווילדע קוסטעס, ליניעס פון געדיכטע דראָט-פאַרצאַמונגען האָבן געשטערט אויף יעדן טריט דעם פרייען דורכגאַנג.

איינוואוינער זיינען דאָרט אין זומער 1918 געווען ניט מער ווי אַ 25 פאַמיליעס (פאַר דער מלחמה האָבן דאָרטן געלעבט איבער 300 יידישע פאַמיליעס). מען האָט זיך געוואַלגערט אין די אָקאָפּעס און אויך אין אַ פּאָר פון די האַלב-צעשטערטע בנינים. די ענגשאַפט און שמוץ איז געווען אומדערטרעגלעך.

דאָסזעלבע בילד האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט אויך ק אָ ר ע ל י ט ש און די אַנדערע שטעטלעך. די קליינע יידישע ישובים אין דער גרויסער חרוב-געוואָרענער געגנט האָבן אויסגעזען ווי קליינע אינזלען אין אַ גרויסן ים. די פריערשע באַפעלקערונג, וואָס איז אַנטלאָפן קיין רוסלאַנד, האָט זיך נאָך ניט צוריקגעקערט. די יידישע ישובים זיינען געווען כמעט די איינציקע סימנים פון לעבן אין דער גאַנצער געגנט.

בייטאָג, אַז די זון האָט געשיינט, איז נאָך געווען צו דערליידן. ביינאַכט אָבער איז דאָס בילד געווען אַ שרעקלעכע. פון די קוסטעס האָט זיך געטראָגן דאָס געשריי פון ווילדע פויגלען, וועלכע האָבן אָנגעוואָרפן אַן אימה. אָפט פלעגט מען זען דורכלויפנדיק וועלף, וועלכע האָבן זיך פאַרפירט אין די ליידיקע אָקאָפּעס. עס זיינען געווען פאַלן, אַז די וועלף האָבן אַוועקגעשלעפּט ציגן פון מיטן גאַס.

אין האַרבסט 1918 איז די לאַגע פון די צוריקגעקערטע אין די שטעטלעך געוואָרן עפּעס לייכטער, ווייל זיי האָבן אַראָפּגענומען אַ ביסל זומער-תבואות און קאַרטאָפל פון די שטיקלעך פעלדער, וועלכע זיי האָבן באַוויזן אָפּצוריייניקן פון די ווילדע גראָזן און פאַרזייען. די דאָזיקע אַרבעט איז געווען זייער אַ שווערע, אָבער די ערד, וועלכע האָט 3 יאָר כסדר גערוט, האָט באַצאָלט מיט אַ רייכער גערעטעניש. אין הינזיכט פון פראָוויאַנטירונג איז זיי געווען ניט אין דעם ערך בעסער, ווי די היימלאָזע, וואָס זיינען פאַרבליבן אין נאָוואָגרודאָק, וואו די הונגער-נויט איז געוואָרן אַלץ קענטיקער און דראָענדיקער.

.2

פאַר זייער אָפּטרעטן האָבן די דייטשן זיך באַמיט אַרויסצופירן וואָס מער תבואות און ערד-פּראָדוקטן. דערפאַר האָבן זיי געמאַכט „אויספאַרקויפונגען” אויף אַלע מינים רעשטלעך פון דער פראָנט-ווירטשאַפט, ווי אַלטע אייזנס, נעגל, העק, קירקעס א. א., ווי אויך פון די ביכער און שרייב-מאַטעריאַלן פון דעם גרויסן ביכער- און שרייבוואַרן-לאַגער, וועלכן זיי האָבן געהאַט אין נאָוואָגרודאָק.

די דייטשן האָבן פאַרלאָזן נ אָ וו אָ ג ר ו ד אָ ק דעם 27-טן דעצעמבער 1918. ביז דעם לעצטן טאָג איז אַלץ געווען רואיק און קיין עקסצעסן קעגן דער ציוויל-באַפעלקערונג זיינען ניט פאָרגעקומען. אָבער די לעצטע דייטשישע אָפּטיילונג, אַ פּולק הוזאַרן, האָבן צוגעגרייט דער באַפעלקערונג אַ סיורפּריז. פרייטאָג דעם 27-טן דעצעמבער, גאַנץ פרי, האָט דער פּולק אויסגעשטעלט זיין אַרטילעריע און קוילנוואַרפערס לענג אויס דעם מאַרק און אַלע גאַסן. דער עולם האָט פריער געמיינט, אַז דאָס איז אַ פאַרזיכטס-מיטל קעגן אַ פּלוצלונגען איבערפאַל פון די באָלשעוויקעס. אָבער באַלד איז באַוואוסט געוואָרן, אַז דאָס איז אַ דראָאונגס-מיטל קעגן דער פרידלעכער באַפעלקערונג. די קאָמאַנדע פון פּולק פאָדערט פון בירגער-קאָמיטעט אין משך פון אַ פּאָר שעה איינצוצאָלן איר אַ גרויסע געלט-קאָנטריבוציע. אין פאַל פון אַן אָפּזאָג, דראָט זי צו באַשיסן די שטאָט פון האַרמאַטן און קוילנוואַרפערס.

נאָך אַ לאַנגן אונטערהאַנדלען און דינגען זיך מיט דער פּולק-קאָמאַנדע איז מען ענדלעך זיך דורכגעקומען. אַנשטאָט די געפאָדערטע 40 טויזנט דייטשישע מאַרק האָט זי באַקומען 8 טויזנט. אַרום האַלבן טאָג האָבן די לעצטע דייטשן פאַרלאָזן נאָוואָגרודאָק.

אין דעמזעלבן טאָג נאָך, בין השמשות, ווען די יידן האָבן מקבל שבת געווען אין די קלויזן, איז אין שטאָט אַריין דער באָלשעוויסטישער חיל, אַן ערך פון אַ הונדערט רייטער אויף קליינע פויערישע פערדלעך, באַגלייט פון אַ פּאָר צענדליק פויערישע שליטנס. פאַר גאָר אַ קליינעם עולם האָט דער אָנפירער פון דער אָפּטיילונג פון אַ שליטן אַראָפּ געהאַלטן אַ קורצע רעדע. די פאַרהונגערטע און פאַריאושטע באַפעלקערונג, אַלס גאַנצעס, האָט ניט אַרויסגעוויזן קיין שום אינטערעס צו די פּאָליטישע געשעענישן, וואָס קומען דאָ פאָר, און צו די ווערקסלונגען פון דער מאַכט.

.3

עס זיינען אָנגעשטאַנען זייער שווערע טעג, די סאַמע שווערסטע פאַר דער גאַנצער אָקופּאַציע-צייט. דער קאַנט איז געווען באַרויבט פון לעבנסמיטלען דורך די דייטשן, און דער נייער מאַכט האָט געפעלט די פעאיקייט צו אָרגאַניזאַציע. אַנשטאָט דעם דייטשן פּראָוויאַנטירונגס-אַמט, וועלכער האָט רעגלמעסיק, כאָטש אין קליינע ראַציאָנען, אַרויסגעגעבן דער באַפעלקערונג קאָרענע מעל, זאַלץ, און אָפּטמאָל אויך אַנדערע שפּייז-פּראָדוקטן, איז גאָרניט געשאַפן געוואָרן. עס האָט אויפגעהערט אָנצוקומען דאָס שטיצגעלט פון „הילפס-פאַראיין פון די דייטשע יודען” אין בערלין, וועלכע עס פלעגט פאַרטיילט ווערן אַלע 2 וואָכן איבער 600 יידישע געדריקטע משפחות. די אָפּטיילונג פאַר סאָציאַלע פאַרזאָרגונג ביי די באָלשעוויקעס האָט זיך לאַנג אָרגאַניזירט, און נאָכדעם לאַנגזאַם און שווערפעליק געאַרבעט. די שרעקלעכע אַרבעטסלאָזיקייט, נאָך אַ ירושה פון לעצטן פעריאָד פון דער דייטשער אָקופּאַציע, איז געשטיגן אויף אַזאַ מוראדיקן אופן, אַז דאָס גאַנצע לעבן האָט אויסגעוויזן ווי פאַרגליווערט און אָפּגעשטאָרבן. עס האָבן זיך געשלאָסן אַלע געשעפטן, פון וועלכע די סחורה איז גרעסטנטיילס געוואָרן קאָנפיסקירט. דער פאַרקער מיט פוילן האָט זיך אינגאַנצן אָפּגעשטעלט צוליבן פראָנט, וועלכער האָט זיך געפונען אַ 20 קילאָמעטער צו מערב צו פון נאָוואָגרודאָק, און מיט רוסלאַנד איז ער אויך געווען אַ נישטיקער.

אַ טייל פון דער יוגנט האָט זיך איינגעאָרדנט אין די פאַרשיידענע קאַנצעלאַריעס ביי די באָלשעוויקעס. יידן האָבן אָבער אַלץ פאַרנומען קלענערע, ניט קיין פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָסטנס. די מיידלעך האָבן כמעט אַלע געאַרבעט אַלס איבערשרייבערינס, ד. ה. זיי האָבן ערפילט די פונקציעס פון אַ שרייב-מאַשין, צו אויספּערטיקן מערערע עקזעמ-

פלאַרן פון איין און דעמזעלבן טעקסט. דער געהאַלט איז געווען ניט קיין באַדייטנדער אין פאַרהעלטעניש צו דער טייערקייט פון לעבן, בפרט נאָך, אַז ער פלעגט ווערן אויסגעצאָלט פון 80 ביז 90 פּראָצענט אין קערענקעס, וועלכע האָבן געהאַט אַ פיל קלענערן ווערט, ווי דער צאַרסקער רובל, און מ'האָט זיי בכלל ניט גערן גענומען. קיין פּראָדוקטן, אַלס „פּאַיאָק", האָבן דאַן די באָלשעוויסטישע אָנגעשטעלטע ניט באַקומען. נאָך דעם אַלעמען אָבער איז דער פאַרדינסט פון די אָנגעשטעלטע געווען אַ הילף פאַר אַ טייל פאַמיליעס.

אַ גרויסע מאַסע אָבער פון די פאַראָרימטע האַנטווערקער, קרעמער און קליינהענדלער האָבן שטיל געליטן, געלעבט אין שרעקלעכסטן דחקות און נויט, וועלכע זיינען דערגאַנגען ביז הונגער. אָבער פיל, פיל צענדליקער פאַמיליעס האָבן ממש געהונגערט, ניט זעענדיק טעג און וואָכן אין די אויגן אַ שטיקל ברויט אָדער קאַרטאָפל. די סימנים פון הונגער האָבן זיך באַלד באַוויזן אויף דער גאַס, וואו געשוואָלענע מענער, פרויען און קינדער, מיט אָנגעדראָלענע, געלבע פּנימער און מיט בלישטשנדיקע אויגן פון הונגער, האָבן זיך געבלאָנקעט, קוים זיך האַלטנדיק אויף די פיס פון שוואַכקייט, פון שטוב צו שטוב, בעטלענדיק אַ ביסן ברויט אָדער אַ לעפל געקעכטס.

איך האָב דאַן געקאָנט די גאַנצע אָרימקייט יעדערן אין געזיכט און ביים נאָמען, צוליב מיין אַרבעט אין קאָמיטעט, וועלכער האָט פאַרטיילט די געלט פון בערלינער הילפס-פאַראיין. און אין יענעם שרעקלעכן ווינטער פון יאָר 1919 בין איך געווען אַן עדות פון דעם, ווי זיי זיינען צענדליקערווייז, איינער נאָכן צווייטן, אַלט, יונג און אין מיטעלע יאָרן, אומגעקומען פון הונגער. מערקווירדיק איז געווען דאָס, וואָס די געזינטערע און שטאַרקערע זיינען געווען ווייניקער ווידערשטאַנדספעאיק קעגן דעם הונגער, ווי די שוואַכערע, און זיינען גיכער אומגעקומען.

אין די אויבנדערמאָנטע שטעטלעך פון נאָוואָגרודקער געגנט איז דער מצב געווען אַ ביסל בעסער ווי אין נאָוואָגרודאָק גופא, צוליב דעם, וואָס די איינוואוינער האָבן געהאַט אַ ביסל אָנגעגרייטע פּראָדוקטן, יעדערער פאַר זיך, פון די, וואָס זיי האָבן זומער אַליין געזייט. אויך די באָלשעוויסטישע מאַכט, זעענדיק אין וואָס פאַר אוממענטשלעכע באַדינגונגען זיי לעבן, האָט זיי ניט געדריקט מיט אונטערזוכונגען און קאָנ-



פיסקאַציעס. אין אַלגעמיין איז אָבער אויך דאָרטן די לאַגע געווען שווער, און פאַרשיידענע אָנשטעקנדיקע מחלות האָבן דאָרט געהערשט ניט ווייניקער, ווי אין נאָוואָגרודאָק.

.4

קורץ פאַרן אָפּטרעטן פון די באָלשעוויקעס זיינען געעפנט געוואָרן דורך דער באָלשעוויסטישע מאַכט 2 שולן פאַר די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן: פאַר דער יידישער און פוילישער. די לערער, וועלכע זיינען געווען אָנגעשטעלט אין פאַרשיידענע אָפּטיילונגען, זיינען באַפרייט געוואָרן פון זייערע שטעלעס, כדי זיי זאָלן קענען אַרבעטן אין שול.

פאַר דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע האָט דער גרעסטער טייל קינדער אין שטאָט ניט באַקומען קיין לערע. עס איז געווען אָפן אַ פּראָגימנאַזיע פאַר מיידלעך מיט דער רוסישער אונטעריכטס-שפּראַך און העברעאיש אַלס למוד, אויך אַ האַלבער צענדליק חדרים, וועלכע האָבן זיך געהאַלטן מיט נסים. שפּעטער האָט זיך געעפנט אַ יידיש-רוסישע שול אויך פאַר ייִנגלעך. אָבער די שטאָטישע אָרימקייט, ווי אויך די היימלאָזע, וואָס האָבן דעמאָלט אויסגעמאַכט דעם רוב מנין פון דער באַפעלקערונג, האָבן ניט געהאַט די מעגלעכקייט צו צאָלן שכר-למוד פאַר זייערע קינדער. אויך האָבן די קינדער ניט געהאַט קיין זאַכן און שיך, וואָס האָט זיי געשטערט צו באַזוכן אַ שול.

די ניי-געעפנטע יידישע שול, אין וועלכע דער למוד איז געווען אומזיסט, איז גלייך פאַרפלייצט געוואָרן מיט קינדער. די צאָל זייערע האָט דערגרייכט ביז 300. די קינדער פלעגן קומען אין שול אָרומגעוויקלט אין שמאַטעס און אין הילצערנע „טרעפּעס" (אַ הילצערנע פּאָדעשווע, אָרומגעשלאָגן מיט שטיקלעך לעדער). דער לאָקאַל איז געווען ניט קיין גרויסער, און די לופט אין די קלאַסן אין דער צייט פון די לעקציעס, צוליב די אומרייניע זאַכן און וועש פון די קינדער, פלעגט זיין אַ שרעקלעכע. די קינדער זיינען געווען זייער אָפּגעשוואַכט פון דער שלעכטער דערנערונג אין די שלעכטע וואוינונגס-פאַרהעלטענישן. עס זיינען געווען פאַלן, ווען קינדער האָבן געחלשט אין שול פון שוואַכקייט און הונגער. די קינדער האָבן ניט געהאַט ניט קיין ביכער, ניט קיין פּאַפּיר און פעדער. עס פלעגן טאַקע ניט פאָרקומען קיין למודים אין דעם אייגנטלעכן זין פון וואָרט. די לערער פלעגן פאַרנעמען די קינדער מיט שמועסן, דערציילונגען, שפּילן. זיי האָבן זיך





באַמיט די דערשלאָגענע און פאַראומערטע קינדער אַ ביסל אויפמונטערן און אויפלעבן, כדי צו מאַכן זיי פאַרגעסן אין די עטלעכע שעה, וואָס זיי פאַרברענגען אין שול, אָן זייער אָרימע און עלנטע היים.

פאַרן אָפּטרעטן האָט די באָלשעוויסטישע מאַכט אויסגעצאָלט די לערער זייער געהאַלט פאָראויס פאַר 2 חדשים, און אויך איבערגעלאָזט אַ באַוואוסטע סומע געלט אויף די איבעריקע הוצאות פון דער שול. די אָנגעקומענע פּוילישע מאַכט האָט אויך ניט געשטערט דער ווייטערדיקער פונקציאָנירונג פון דער יידישער שול, וועלכע האָט נאָרמאַל פאַרענדיקט איר ערשטן שול-יאָר.

.5

דעם 18-טן אַפּריל 1919 האָט דאָס פּוילישע מיליטער פאַרנומען נאָוואָגרודאָק, און דעם 18-טן און 19-טן אויך אַלע שטעטלעך און די גאַנצע געגנט ביז דעם פריערדיקן דייטשיש-רוסישן פראָנט. דאָרטן זיינען די פּוילישע געבליבן שטיין ביז אינמיטן זומער 1919.

ביים איבערגיין פון איין האַנט אין דער צווייטער האָט נאָוואָגרודאָק און די איבעריקע אָרומיקע שטעטלעך גאָר ווייניק געליטן. מער פון אַלעמען האָט געליטן קאָרעליטש, וואו ביי דער קליינער יידישער באַפעלקערונג זיינען פאַרלאָרן געגאַנגען כמעט אַלע פערד און קי.

די לאַגע איז געוואָרן עטוואָס בעסער. עס האָבן זיך גענומען באַווייזן מער שפּייז-פּראָדוקטן, איבערהויפּט מעל, וועלכע מען האָט צוגעפירט פון גראָדנער קאַנט. אָבער די פּרייזן זיינען געווען מוראדיק הויכע (אַ פונט ברויט האָט דאַן געקאָסט איבער 4 רובל, ד. ה. ביי דעמאָלטיקן קורס, כמעט אַ $\frac{1}{2}$ דאָלאַר). די אַרבעטסלאָזיקייט איז אויך ניט געוואָרן שוואַכער. דערצו איז די געזעלשאַפטלעכע איניציאַטיוו געווען ווי אָפּגעשטאָרבן, און אין שטאָט זיינען ניט געווען קיין קאָמיטעטן און אָרגאַניזאַציעס צו לינדערן די נויט. די אָרימע באַפעלקערונג האָט ווייטער געליטן און געהונגערט.

ביי מיר איז פאַרבליבן אין זכרון דאָס בילד פון די גרופּעס הונגעריקע מענטשן, וועלכע פלעגן שטיין אין די גאַסן און מיט אָנגעצונדענע אויגן זיך צוקוקן צו די גרויסע אָפענע לאַסט-אויטאָמאָבילן, פול באַלאָדענע מיט ווייסע לאַבנס ווייצענע ברויט, וועלכע מען פלעגט פירן פאַרן פּוילישן מיליטער צום פראָנט. פלעגט אַמאָל אַראָפּפאַלן בעתן גיכן גיין פון אויטאָמאָביל אַ לאַבן,

פלעגן זיך אַ וואָרף טאָן אויף אים אַ מענגע מענטשן, ווי הונגעריקע וועלף. גליקלעך פלעגט זיך פילן דער, וועמען עס האָט אָפּגעגאָלטן צו העלפן ביים אויסלאָדן פון אַזאַ אויטאָמאָביל און באַקומען פאַר זיין אַרבעט אַ שטיקל ברויט.

וועגן דעם, אַז אין ווילנע פונקציאָנירט אַ קאָמיטעט צו העלפן די קרבנות פון דער מלחמה, האָבן מיר לאַנג ניט געוואוסט. די קאָמוניקאַציע מיט ווילנע איז געווען כמעט ווי אינגאַנצן אָפּגעשטעלט. אָבער צום סוף יוני 1919 האָבן מיר באַקומען אַ מעלדונג פון לידע, אַז דאָרטן איז דערהאַלטן געוואָרן פאַר נאָוואָגרודאָק פון ווילנער קאָמיטעט „יעקאָפּאָ" 10.000 מאַרק. דער נאָמען פון קאָמיטעט, זיין כאַראַקטער און אַרט טעטיקייט איז אין נאָוואָגרודקער געגנט דאַן נאָך געווען אינגאַנצן אומבאַקאַנט.

אינגיכן איז מען געקומען אין אַ קאָנטאַקט מיט „יעקאָפּאָ" דורך אַרויסגעשיקטע פאָרשטייער אין ווילנע, וועלכע האָבן צוגעשטעלט באַריכטן וועגן די לאַגע אין נאָוואָגרודאָק און אין די אַרומיקע שטעטלעך. „יעקאָפּאָ", וועלכע האָט דאַן געאַרבעט אויסשליסלעך אין ווילנער קאַנט, האָט באַשלאָסן אַריינצונעמען אין איר געביטס-טעטיקייט אויך דעם נאָוואָגרודקער ראַיאָן. עס איז נאָר געשטעלט געוואָרן דער תּנאַי, אַז עס זאָלן אין אַלע ערטער פון דעם ראַיאָן געשאַפן ווערן געוויילטע קאָמיטעטן, אין וועלכע עס זאָל זיין פאַרטראָטן די גאַנצע באַפעלקערונג.

אין נאָוואָגרודאָק איז דאַן געשאַפן געוואָרן דער יידישער קאָמיטעט פון 24 מיטגלידער. קיין אמתע וואַלן האָט מען אין יענעם מאָמענט ניט געקענט דורכפירן, און דער קאָמיטעט איז געבילדעט געוואָרן נאָר צייטווייליק. ער האָט אָבער אין די 3 חדשים פון זיין פונקציאָנירונג אָפּגעטאָן אַ גרויסע וויכטיקע אַרבעט. ניט נאָר פראַגן, וועלכע האָבן געהאַט אַ דירעקטע שייכות מיט דער ראַטונגס-אַקציע פאַר דער נויטבאַדערפטיקער באַפעלקערונג, אויף וואָס עס זיינען גרעסטנטייל געווען באַשטימט די סומעס געלט פון „יעקאָפּאָ" אין זומער 1919, אָבער אויך אַלע אַנדערע פראַגן פון יידישן לעבן אין שטאָט, קולטורעלע און פּאָליטיש-געזעלשאַפטלעכע, זיינען באַהאַנדלט געוואָרן און געפונען זייער לייזונג אויף די זיצונגען פון קאָמיטעט. פון זיי די וויכטיקערע: דאָס דורכפירן די וואַלן צום ערשטן געוויילטן שטאָטראַט, אין וועלכן די יידן האָבן אַריינגעפירט 14 ראַטמענער אויף דער אַלגעמיינער צאָל 24; די דורכפירונג פון די וואַלן צו דער ערשטער יידישער דעמאָקראַטיש - געוויילטער קהילה אין סעפּטעמבער 1919; רעגיסטראַציע פון דער יידישער באַפעלקערונג און אָרגאַניזירונג פון דער פּראָווינץ. דורכן קאָמיטעט זיינען אונטערגענומען געוואָרן אויך די ערשטע פּרובן פון זעלבסטהילף, דורך באַשטייערונגען פון די פאַרמעגלעכערע שיכטן פון דער באַפעלקערונג לטובת דער ראַטונגס-אַקציע, ווי אויך פאַר פאַרשיידענע וואוילטעטיקע מוסדים אין שטאָט. מיט דער הילף פון קאָמיטעט האָבן זיך אָנגעהויבן אין שול-יאָר 1919—20 די למודים אין דער יידישער פאָלקס-שול און אין דער שטאָטישער „תּלמוד-תּורה".

.6

אין יולי 1919 איז אַראָפּגעקומען אין נאָוואָגרודאָק אַ מיסיע פון „אַמעריקאַנער רויטן קרייץ" אויף צו פאַרטיילן זאַכן און פּראָדוקטן צווישן דער אָרימער באַפעלקערונג. די מיסיע איז געשטאַנען אונטער דער אָנפירונג פון אַן אַמעריקאַנער פרוי, דאָקטאָר מוריי.

צום בנין, וועלכער איז באַשטימט געוואָרן פאַר אַ לאַגער פון דער מיסיע, האָט מען גענומען ברענגען אויף אומגעהויערע אָבאָזן פון פויערישע פורן פון דער באַן גרויסע פּעק זאַכן און פּראָדוקטן. דערביי האָט זיך גלייך אַרויסגעוויזן די מאַנגלהאַפטע אָרגאַניזאַציע פון דער גאַנצער זאַך. עס איז ניט געווען קיין גענוגנדע שמירה ביים אויסלאָדן די פורן, און מען האָט געגנבעט אויף וואָס די וועלט שטייט.

די אָנפירערין פון דער מיסיע האָט צוגעצויגן פאָרשטייער פון דער פּוילישער, יידישער, רוסישער און טאָטערישער באַפעלקערונג צו דער אַרבעט. די פאָרשטייער פון יעדער נאַציאָנאַליטעט האָבן געבילדעט אַ באַזונדער קאָמיסיע, וואָס האָט באַשטימט, וועלכע פאַמיליעס דאַרפן פון דער באַטרעפנדער נאַציאָנאַליטעט באַקומען זאַכן און פּראָדוקטן. יעדע קאָמיסיע האָט באַקומען אין רשות אַ געוויסע צאָל בלאַנקען געשטעמפּלטע דורך דער מיסיע, וועלכע זי האָט אויסגעפילט פאַר יעטווידער אָרימער משפּחה און גענוי אויסגערעכנט, וואָס זי דאַרף באַקומען: קליידער אַליין, פּראָדוקטן אַליין אָדער ביידע זאַכן צוזאַמען.

ביז אַהער איז אַלץ געגאַנגען גוט. די צרה איז אָבער באַשטאַנען אין דעם, וואָס מען האָט באַשטימט אין פאַרהעלטעניש צו דער גאַנצער צאָל, זייער ווייניק יידישע מקבלים. פלעגן טאַקע די יידן כמעט ווי גאָרניט באַקומען. אויסערדעם, האָבן די יידן געהאַט אויסצושטיין געבערענטע צרות פון די אָרדנער. יידן זיינען שרעקלעך באַעוולט געוואָרן אין דער ריי, וואו מען פלעגט זיי כסדר אָפּשטופּן אויף די הינטערשטע ערטער. דערביי פלעגט מען אָפט כאַפּן אַלס אַ צוגאָב קלעפּ.

די יידישע באַפעלקערונג איז געווען אויפגעבראַכט. אין יענער צייט איז די פראַגע צו באַקומען אַ ביסל וועש און קליידונג געווען פאַר אַ פולע אַ לעבנס-פראַגע. דער יידישער קאָמיטעט האָט דעריבער באַשלאָסן צו אינטערווענירן וועגן דעם ביי דער מיסיע.

ניט די דעלעגציע, וואָס איז געגאַנגען אין נאָמען פון קאָמיטעט, און ניט אַ שריפטלעכע ווענדונג האָבן ניט אויסגעפועלט, אַז פאַר די יידן זאָל מען אַרויסגעבן באַזונדער אַ קוואַנטום פּראָדוקטן און זאַכן אין רשות פון קאָמיטעט, וועלכער וועט זיי פאַרטיילן. אָנגעפירט מיט דער דעלעגאַציע און אונטערגעשריבן די ווענדונג צו דער מיסיע האָט מ. וואַגער, דער פאָרזיצער פון יידישן קאָמיטעט.

נאָך דעם דאָפּלטן אָפּזאָג האָט דערזעלביקער מ. וואַגער אָפּגעשיקט צו דער מיסיע אַ צווייטע שריפטלעכע ווענדונג, וועלכע איז געהאַלטן געוואָרן אין זייער אַ שאַרפן טאָן. ער האָט אין איר באַטאָנט, אַז די יידן האָבן דאָס רעכט צו באַקומען אויף זייער חלק פון די אַמעריקאַנער מתּנות ניט ווייניקער ווי וועלכע עס איז אַנדערע נאַציאָנאַליטעט, ווייל די באַטייליקונג פון אַמעריקאַנער יידנטום אין דער פּראָדוקטן- און קליידער-אַקציע איז ניט פון די קלענסטע. ער האָט שאַרף געטאַדלט דאָס גראָבע פאַרהאַלטן זיך פון די אָרדנער צום פּובליקום, אויך דאָס, וואָס די פאַרטיילער מאַכן זיך אַ שפּיל פון דעם, וואָס זיי וואַרפן אַרונטער פון צייט צו צייט דורך די פענסטער אין גאַס אַריין היטלען אָדער אַנדערע נישטיקע זאַכן, אויף וועלכע דער עולם וואַרפט זיך ווילד און מען רייסט זיך און שלאָגט זיך פאַר דעם, ווי הינט. ער האָט פּראָטעסטירט קעגן דער דאָזיקער באַליידיקונג פון דער מענטשנווערדע.

ליידער אָבער האָט דער יידישער קאָמיטעט אין דער פראַגע גאָרניט ניט געקענט אויפטאָן. מ. וואַגער איז פּלוצלונג, נאָך אַן אונטערזוכונג אין זיין וואוינונג, וועלכע האָט ניט געגעבן קיין שום רעזולטאַטן, געוואָרן אַרעסטירט און אָפּגעפירט פריער אין באַראַנאָוויטש און נאָכדעם, אין אַ פּאָר טעג אַרום, אין

אין אומבאַוואוסטער ריכטונג. די אַלע שריט, וואָס דער יידישער קאָמיטעט האָט אָנגענומען, כּדי צו דערגיין דעם אָרט פון זיין פאַרשיקונג, האָבן ניט געהאַט קיין שום ערפאָלג. צופעליק, פון אַ נאָטיץ אין מינסקער יידישער צייטונג „דאָס פאָלק", איז אין 3 חדשים אַרום באַוואוסט געוואָרן, אַז מ. וואַגער געפינט זיך אין געפאַנגען-לאַגער אין קאָוועל. נאָך אַ לענגערער השתדלות איז ער אין 4 חדשים נאָך זיין אַרעסט באַפרייט געוואָרן פון דעמבלינער געפאַנגען-לאַגער, וואוהין ער איז אַריבערגעפירט געוואָרן פון קאָוועל. אין דער צייט פון זיין פאַרשיקונג איז ער אויסגעקליבן געוואָרן אונטער די אויגן אַלס מיטגליד און נאָכדעם אַלס פאָרזיצער פון דער ערשטער דעמאָקראַטיש-געוויילטער יידישער קהילה אין נאָוואָגרודאָק און אויך אַלס ראַטמאַן צום שטאָטראַט.

.7

אין די שטעטלעך לובטש, קאָרעליטש, דעליאַטיטש און ניישטאָט האָט זיך די לאַגע פאַרן זומער 1919 ווייניק וואָס פאַרענדערט. די יידישע באַפעלקערונג האָט זיך כּמעט ניט פאַרגרעסערט. די באַדינגונגען פאַרן באַזעצן זיך פון נייע משפחות זיינען געוואָרן ייער שווער צוליב דער נאָענטקייט, אין וועלכער די שטעטלעך האָבן זיך געפונען צום פויליש-באָלשעוויסטישן פראָנט. די פוילישע מיליטערישע מאַכט, למשל, האָט ניט דערלאָזן צו דער צעשטערונג פון די דייטשע אָקאָפּעס, וועלכע האָבן צוגעשטעלט האָלץ און ברעטער, ציגל און אייזנס, פאַרטיקע פענסטער און טירן, צעמענט-בלאָקן און אייזערנע באַלקנס די צוריקגעקערטע היימלאָזע פאַר זייערע בנינים, אין דער צייט ווען אין זומער 1918 האָבן די דייטשע סאָלדאַטן געמאַכט מיט דעם אַ גאַנצן מסחר. פאַר ניט קיין גרויסע געלט פלעגן די יידן אָפּקויפן ביי זיי גרויסע און גוט אויסגעבויטע אָקאָפּעס. אָפטמאָל פלעגן די דייטשן נאָך צוהעלפן ביים פונאַנדערנעמען פון די אָקאָפּעס, וואָס עס איז געווען אַ שרעקלעך שווערע אַרבעט, אויך ביים אָפּפירן דעם מאַטעריאַל צום אָרט. אויסערדעם האָט די באַפעלקערונג אין די שטעטלעך געליטן פון איינקוואַרטירונגען וכדומה אַנדערע שוועריקייטן, וועלכע זיינען פאַרבונדן מיטן לעבן פון דער ציוויל-באַפעלקערונג אויפן פראָנט.

ניט קוקנדיק אויף די שוועריקייטן, האָבן די קליינע יידישע ישובים אין די דערמאָנטע שטעטלעך עקשנותדיק געקעמפט פאַר זייער קיום און פאַרפעסטיקט זייער מצב. יעדער איינער האָט געזאַמלט בוי-מאַטעריאַלן שטיקל צו שטיקל און מיט אייגענע הענט, כּמעט אָן געלט, גערעמאָנטירט און געבויט, וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזן. מיט לייב און לעבן האָט מען זיך איבערגעגעבן דער ערד-אַרבעט. מען האָט אויפגעריסן די פאַרלאָזענע און פאַרוואַקסענע ערד פשוט מיט די פינגער, מען האָט פאַרזייט זומער-תבואות, קאַרטאָפל און גרינסן, און מען האָט צוגעגרייט דעם באָדן אויף זייען ווינטערקאָרן. מען האָט זיך באַמיט צו פאַרגרעסערן דעם לעבעדיקן אינווענטאַר דורך אויסהאָדעווען יונגע פי.

ס'איז איבעריק צו זאָגן, אַז דאָס לעבן אין די שטעטלעך איז געווען זייער שווער, און אַז די באַפעלקערונג זייערע האָט אין זומער 1919 געמוזט אויסשטיין אַ שרעקלעכע נויט און האָט זייער שווער געליטן פון עפּידעמישע מחלות. אַלס אַ צוגאָב זיינען געווען די אומגעוויינלעך שלעכטע דירות אין די אָקאָפּעס, שטאַלן און סתם חורבות.

אַז עס זיינען אין אָנהויב זומער 1919 אָנגעקומען פאַר די שטעטלעך די ערשטע געלט-סומעס פון „יעקאָפּאָ", זיינען דאָרטן געבילדעט געוואָרן קאָמיטעטן, וועלכע האָבן אָנגעפירט מיט דער הילפס-טעטיקייט. אין זייער אַרבעט זיינען זיי קאָנטראָלירט געוואָרן פון דעם „נאָוואָגרודקער יידישן קאָמיטעט", דורך וועלכן זיי זיינען געווען פאַרבונדן מיט „יעקאָפּאָ", און וועמען זיי האָבן צוגעשטעלט פעריאָדישע באַריכטן וועגן דער לאַגע אין די שטעטלעך און וועגן זייער טעטיקייט. די אָרטיקע קאָמיטעטן האָבן זיך גלייך גענומען צום אָרגאַניזירן מעדיציניש-סאַניטאַרע הילף פאַר דער באַפעלקערונג אין די שטעטלעך און צו דער גרינדונג פון חדרים פאַר די קינדער פון שול-עלטער. כאָטש אין דער ערשטער צייט זיינען די געלט-סומעס פון „יעקאָפּאָ" געווען באַשטימט אויסשליסלעך אויף דערנערונגס-צוועקן, פונדעסטוועגן האָבן די אָרטיקע קאָמיטעטן פון די געלט אַרויסגעגעבן שטיצעס אויף רעמאָנטן און בויען אין די נויטיקסטע פאַלן. די דאָזיקע אָרטיקע קאָמיטעטן האָבן גוט געאַרבעט און האָבן אויך נאָכדעם, אין די יאָרן 1920—1923, פיל מיטגעהאָלפן צו דער ערפאָלגרייכער דורכפירונג פון דער גרויסער אויפבוי-אַקציע, וועלכע „יעקאָפּאָ" האָט אונטערגענומען אין די שטעטלעך, און אַדאַנק וועלכער די שטעטלעך האָבן זיך אָפּגעבויט אויף 75 פּראָצ. פון זייער פאַר דער מלחמהדיקער גרויס.



.8

נאָוואָגרודאָק האָט זיך אין יענער צייט אויסגעצייכנט מיט איר ברייטער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, וועלכע האָט זיך געשטיצט אויף ריין-דעמאָקראַטישע יסודות. אין דער שפּיץ פון אָט דער טעטיקייט, וועלכע האָט אַרומגענומען נאָוואָגרודאָק גופא, ווי אויך דעם נאָוואָגרודקער ראַיאָן, זיינען געשטאַנען צוויי פּערזאָן: מ. (מנחם) וואַגער און דוד כּהן, וועלכע זיינען ווערט צו דערמאָנט ווערן מיט אַ פּאָר ווערטער.

מ. וואַגערס נאָמען איז שוין געבראַכט געוואָרן פריער, אין צוזאַמענהאַנג מיטן קאָנפליקט פון יידישן קאָמיטעט מיט דער אַמעריקאַנער מיסיע. ער איז דעמאָלט געווען אַ סטודענט פון קיעווער פּאָליטעכניקום, וועלכער איז צוליב די מלחמה-געשעענישן פון 1915 פאַרבליבן אין נאָוואָגרודאָק. אַ דעמאָקראַט לויט זיינע איבערצייגונגען, וועמען די אינטערעסן פון דער יידישער מאַסע איז געווען נאָענט צום האַרצן, ערלעך, אָן אַ שאָטן פון זעלבסטנוצן, גראָד, ווירדיק און, ווען ס'איז נויטיק, אויך פעסט איז זיינע האַנדלונגען, האָט ער גענאָסן דעם פולסטן צוטרוי און אַכטונג פון אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין נאָוואָגרודאָק. פאַר דער גאַנצער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע איז ער געווען איינער פון די טיכטיקסטע מיטגלידער פון בירגער-קאָמיטעט. ער איז שטענדיק געשטאַנען אויף דער וואַך פון די אינטערעסן פון דער גאַנצער שטאָטישער באַפעלקערונג, אָן אונטערשייד פון אמונה און נאַציאָנאַליטעט. ער האָט זיך מוטיק געשיצט קעגן די אַלע שווערע גזרות פון דער דייטשער אָקופּאַציע-מאַכט, ווי צוואַנגס-אַרבעטן, צוואַנגס-שטייערן, פאַרשיידענע קאָנפיסקאַציעס און רעקוויזיציעס וכדומה, און ער האָט פיל מיטגעהאָלפן צו זייער פאַרלייכטערונג. די קריסטלעכע באַפעלקערונג האָט ווי געהעריק אָפּגעשאַצט זיין טעטיקייט לטובת דער שטאָט, ווי זי האָט דאָס אויך אַרויסגעוויזן שפּעטער ביי זיין אַרעסט: פאָרשטייער פון די 3 נאַציעס, וועלכע, אויסער די יידן, באַוואוינען נאָוואָגרודאָק, האָבן גערן אונטערגעשריבן ווענדונגען צו דער מאַכט וועגן זיין באַפרייאונג.

זיין האַלטונג קעגן די פאַרשיידענע מאַכטן איז שטענדיק געווען אַ ווירדיקע און שטאָלצע. ווען נאָכן בריסקער שלום האָבן די דייטשן זיך פאַראינטערעסירט מיט דער אידעע פון בופערשטאַטן, און צו דעם צוועק האָבן זיי צוזאַמענגערופן

זומער 1918 אַ גרויסע פאַרזאַמלונג פון די פאָרשטייער פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן, וואָס וואוינען אין נאָוואָגרודאָק, כדי צו באַשליסן וועגן דער אָנגעהעריקייט פון דעם נאָוואָגרודקער קאַנט צו ליטע, איז מ. וואַגער געווען דער איינציקער, וועלכער איז שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן דעם, און האָט אויפגעוויזן, אַז ניט סטנאָגראַפיש, ניט פאָליטיש און קולטורעל האָט דער נאָוואָגרודקער קאַנט קיין אַלגעמיינעס ניט מיט ליטע. וועגן דעם קאָנפליקט מיט דער אַמעריקאַנער מיסיע און וואָס מ. וואַגער האָט געהאַט אויסצושטיין פאַר דעם — איז שוין פריער באַשריבן געוואָרן.

ניט פון קיין קלענערער באַדייטונג איז אויך געווען די טעטיקייט פון מ. וואַגער אַלס פאָרזיצער פון יידישן קאָמיטעט, און נאָכדעם, נאָך זיין באַפרייאונג, אַלס פאָרזיצער פון דער ערשטער יידישער קהילה אין נאָוואָגרודאָק. ער האָט אַדאַנק זיין פערזענלעכקייט און די אייגנשאַפטן פון זיין כאַראַקטער אַריינגעטראָגן אין דער גאַנצער אַרבעט אַן עלעמענט פון אָנשטענדיקייט, אומאייגננוציקייט און איבערגעגעבנקייט צו די כלל-ענינים. אַלס פאָרזיצער האָט ער געפירט די זיצונגען שטרענג אָביעקטיוו, האָט ניט אַרויסגעוויזן קיין שוואַכקייט אין די מיינונגען און האָט זיך ניט באַמיט נושא חן צו זיין ביי וואָסער עס איז צד.

די אָנטיילנעמער אין דעם ערשטן צוזאַמענפאָר פון „יעקאָפּאָ" אין ווילנע אין 1919 יאָר מוזן נאָך געוויס געדענקען דעם פאָרשטייער פון נאָוואָגרודאָק, דוד כהן, אַ הויכן יונגנמאַן מיט ברייטע פלייצעס און מיט עטוואָס אַ הייזעריקער שטימע, וועלכער פלעגט אין די דעבאַטן שטענדיק נעמען דער ערשטער דאָס וואָרט און טעמפעראַמענטפול און בילדלעך ריידן. איידער די דייטשן האָבן פאַרנומען נאָוואָגרודאָק איז ער דאָרט געווען אַ העברעאישער לערער. לויט זיין פאַרטיי-אָנגעהעריקייט איז ער געווען אַ צעירי-ציון, און ער האָט אָנגעפירט מיט דער גאַנצער ציוניסטישער אַרבעט אין נאָוואָגרודאָק. ניט קוקנדיק אויף דעם, איז ער געווען באַליבט ביי דער גאַנצער נאָוואָגרודקער יוגנט, אַפילו פון די לינקערע ריכטונגען, און ער האָט אויף איר געהאַט ניט קיין קליינע השפעה. די ליבע און די השפעה האָט ער געהאַט צו פאַרדאַנקען דער אייגנשאַפט פון זיין וועזן, וועלכער איז געווען האַלב ערנסט, האַלב לייכט, שטענדיק אויפגעלייגט און פון אַ גוטן הומאָר, באַהערשט פון אימפּולסן און מיט אַ קאָפּ פול מיט פאַנטאַזיעס און פלאַנען. אין דער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט האָט ער אַריינגעבראַכט לעבן און באַוועגונג, קאַמף און אָפּאָזיציע. אָבער אַלע האָבן געפילט, אַז אָן דוד כהנס אָנטייל אין די קהילה-זיצונגען און אָן זיינע אַרויסטרעטונגען, וואָלטן זיי אויסגעקומען לאַנגווייליק און וואָלטן פאַרלאָרן זייער אינטערעס. די געזעלשאַפטלעכע אַרבעט זעלבסט האָט באַקומען אַ צוציאונגס-קראַפט פאַר דער יוגנט נאָר אַדאַנק דוד כהנען, וועלכער האָט איר צוגעגעבן אַ באַזונדער טעמפּאָ און אַריינגעבראַכט אין איר אַ מין חסידישן ברען. אָבער ניט נאָר אין דעם איז באַשטאַנען זיין פאַרדינסט פאַר דער געזעלשאַפטלעכקייט. ער האָט געשאַפן אין נאָוואָגרודאָק פאַרשיידענע וויכטיקע מוסדים, פון וועלכע אייניקע פונקציאָנירן נאָך עד היום.

אין ווינטער פון 1916, וועלכער איז געווען זייער אַ שווערער פאַר דער אָרימער באַפעלקערונג, איז לויט זיין איניציאַטיוו געגרינדעט געוואָרן דער „קינדערהיים" (איצט בית-יתומים), אין וועלכן עס האָבן זיך אין די ערשטע יאָרן אויפגעהאַלטן איבער 60 יתומים. אַ מייסטער אויף איינצואָרדענען פייערלעכקייטן, האָט ער די עפענונג פון „קינדערהיים" דורכגעפירט מיט אַזאַ פּאָמפּע, אַז אויף אָן אָרט זיינען געשאַפן געוואָרן באַדייטנדע געלט-מיטלען. דער עיקר אָבער איז געווען וויכטיק דער אינטערעס, וועלכן ער האָט דערוועקט פאַרן מוסד צווישן דער באַפעלקערונג און ביי דער דייטשער מאַכט: ווי די ערשטע, אַזוי די לעצטע האָבן נאָכדעם אַרויסגעוויזן אַ גרויסן אינטערעס אונטערצוהאַלטן זיין קיום. אַ גרויסע גרופּע פון דער יוגנט, אָרגאַניזירט דורך ד. כהן און אָנגעפירט דורך אים, האָט אומדערמידעט געאַרבעט אין און פאַרן „קינדערהיים" און בלב ונפש געווען איבערגעגעבן דעם מוסד. דאָס פּראָגראַם פון די אָוונטן, וועלכע עס פלעגן פאָרקומען לטובת דעם „קינדערהיים", פלעגט אינגאַנצן אויספילן ד. כהן מיט דורך אים אויפגעשריבענע לידער, קאָמעדיעס א. ד. גל., וועלכע פלעגן געגעבן ווערן פאַרן עולם. אַ צייט לאַנג איז ער אויך געווען לערער און דערציער אין דעם אַנשטאַלט.

פאַר די באָלשעוויקעס איז ער געווען דער הויפּט-אָרגאַניזאַטאָר פון דער יידישער פאָלקס-שול, אין וועלכער ער איז נאָכדעם געווען איינער פון די וויכטיקסטע פּעדאַגאָגישע כוחות, צו וועמען די קינדער האָבן געהאַט דעם גרעסטן צוטרוי און ליבע.

אין זומער 1919 האָט ער אָרגאַניזירט דעם „רויטן מגן-דוד", וועלכער האָט געהאַט די אויפגאַבע צו געבן דער אָרימער באַפעלקערונג מעדיצינישע הילף און פלעגע. אַדאַנק די יונגע כוחות, וועלכע ער האָט צוגעצויגן צו דער אַרבעט, האָט דער אַנשטאַלט אויסגעצייכנט ערפילט זיין אויפגאַבע.

ער איז אויך געווען דער הויפּט-אָרגאַניזאַטאָר פון דער „קינדער-קיך" און דער „קיך פאַר דערוואַקסענע", האָט געאַרבעט אויך אין די איבעריקע אַנשטאַלטן פון שטאָט. אומעטום איז ער געווען נייטיק אַלס די קראַפט, וועלכע האָט מיט זיך אַריינגעבראַכט נייע ענערגיע און פרישקייט אין די אַלע פאַרוואַלטונגען פון די פאַרשיידענע אַנשטאַלטן.

צום סוף מוז נאָך דערמאָנט ווערן די אָרגאַניזירונג פון דער נאָוואָגרודקער פּראָווינץ, וועלכע איז פאָרגעקומען מיט זיין דירעקטער מיטהילף און באַטייליקונג.

סיי מ. וואַגער, סיי ד. כהן האָבן צוליב פערזענלעכע טעמים אין זומער 1920 פאַרלאָזן נאָוואָגרודאָק.

שלום כהן.

## די פונקטן פון נאָוואָגרודקער וואָיעוואודסטווע, וואו „יעקאָפּאָ" האָט געפירט זיין טעטיקייט.

איוויע, איוועניץ, אָסטרין, איישישעק, אָרלאָווע, בעליצע, ביניאַקאָן, באָריסאָווקע, באַראַנאָוויטש, ביטען, דערעטשין, האָראָדישטש, האָראָדזיי, וואָראָנאָווע, ווישנעווע, וואָלמע, וואָלאָזשין, וואַסילישעק, זשעלודאָק, זשעטל, טורעץ, טראַב, ליפּנישעק, ליובטש, לידע, ליאַכאָוויטש, מאָלטשאַדז, מיר, נעסוויזש, נאָוואָגרודאָק, ניישטאָט, נאָווידוואָר, נאָוואָ-סווערזשען, סלאָנים, סטויבץ, פּאָלאָנקע, קאַרעליטש, ראַדון, ראָזשאַנקע, שטשוטשין.

# אייניקע מאָמענטן פון דער יתומים-אַרבעט אין ווילנער געגנט.



אַדוו. א. גומענער (נאָוואָגרודאָק)
פאַרזיצער פון דער געוו. קאָלעגיע פון ד. ד. ק. פאַר קינדער-פאַרזאָרגונג אין פוילן.

ווען די יתומים-אָפּטיילונג פון ד. ד. ק. איז צוגעטראָטן אין יאָר 1921 צו אָרגאַניזירן די יתומים-אַרבעט אין פוילן האָט זי פאַר זיך געהאַט 2 פּראָבלעמען: אַוועקשטעלן זייער ברייט, אַלנפאַלס אין אַזאַ ברייטן מאַסשטאַב צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון די פוילישע יידן, די קינדער-פאַרזאָרגונג (יתומים-אַרבעט)— און אַריינציען אין דער אַרבעט די ברייטע געזעלשאַפטלעכע קרייזן, צוגרייטנדיק אַ באָדן, כדי אין דער צוקונפט זאָל די אָרטיקע געזעלשאַפט אַליין איבערנעמען די אַרבעט.

בנוגע דער ערשטער פראַגע זיינען קיין באַזונדערע שוועריקייטן ניט געווען אין ווילנער געגנט. מען האָט געדאַרפט זיך באַמיען אין דער ערשטער ריי אונטערשטיצן די קינדער, זען אַז די פאַרלאָזענע יתומים זאָלן אָנהויבן באַזוכן שולן, זאָלן זיין אָנגעטאָן. צוזאַמען מיט „אָזע" האָט „יעקאָפּאָ" אָרגאַניזירט זומער-קאָלאָניעס.

באַזונדערע שוועריקייטן האָט אָבער אַרויסגערופן דער צווייטער מאָמענט.

דער ד. ד. ק. האָט געדאַרפט צוטרעטן צו אָרגאַניזירן אַ ברייטע אַרבעט אין ווילנע, וואו די יידישע געזעלשאַפטלעכקייט איז געווען זייער אַנטוויקלט און וואו עס האָט זיך געפאָדערט אַ באַזונדערער טאַקט, כדי ניט אַרויסצורופן קיין שווערע קאָמפּליקאַציעס.

די ביוראָ פון יתומים-אָפּטיילונג פון ד. ד. ק. איז געגרינדעט געוואָרן אין



ווילנע אין יאָר 1921. אָנגעפירט מיט איר האָט ח' ווערניק, וועלכער איז דאַן געווען דער פאַרטרעטער אויך פון דער היימלאָזע-אָפּטיילונג פון ד. ד. ק.

גלייך פון אָנהויב איז באַגאַנגען געוואָרן, לויט מיין מיינונג, אַ גרויסער אָרגאַניזאַציאָנעלער פעלער, וועלכער האָט נאָכדעם זייער פיל געשטערט אין דער אַרבעט, און איך געפין דעריבער פאַר נויטיק זיך אויף דעם אָפּצושטעלן.

אומעטום פלעגן אָרגאַניזירט ווערן קרייז-קאָמיטעטן, וועמען עס איז געווען אונטערגעוואָרפן די שטאָט און די אומגעגנט. אין ווילנע איז געמאַכט געוואָרן אין דער הינזיכט אַן אויסנאַם. צוליב אַ גאַנצער ריי טעמים איז אין ווילנע די אַרבעט אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַזוי, אַז די יתומים-אַרבעט אין שטאָט האָט אָנגעפירט אַ באַזונדערער, אַזויגערופענער שטאָטישער יתומים-קאָמיטעט, אומאָפּהענגיק פון „יעקאָפּאָ". צוליב דעם האָט אויך די יתומים-אָפּטיילונג ביי ד. ד. ק., אָרגאַניזירנדיק די אַרבעט אין ווילנער געגנט, געמוזט זיך פאַרבינדן מיט ווילנע-שטאָט באַזונדער. דאָס האָט געשאַפן זייער ניט קיין באַקוועמע לאַגע אין אָרגאַניזאַציאָנעלן זין, וועלכע האָט זיך טיילוויז, איבערהויפּט אין שטאָט ווילנע, אויך אָפּגערופן אויף דער אַרבעט.

זומער 1922, ווען איך בין געקומען פון די סובקאַרפּאַטן (אין טשעכאָסלאָוואַקיע, וואו איך האָב אָרגאַניזירט אַלס פאַרטרעטער פון ד. ד. ק. די יתומים-אַרבעט), האָב איך באַקומען אַ פאָרשלאָג פון ד. ד. ק. איבערנעמען די אָנפירונג מיט דער אַרבעט אין ווילנע. ח' ווערניק האָט זיך אָפּגעזאָגט אָנצופירן אויך מיט דער יתומים-אָפּטיילנג.

איך האָב צוליב אַ גאַנצער ריי טעמים, געזעלשאַפטלעכע און פערזענלעכע, ניט געפונען פאַר מעגלעך זיך אָפּצוזאָגן פון ביאַליסטאָקער ראַיאָן און איבערנעמען ווילנער.

דאַן איז געשאַפן געוואָרן פאָלגנדער פּלאַן. איך בין באַשטימט געוואָרן אַלס פאַרוואַלטער פון ווילנער ראַיאָן, פאַרבלייבנדיק אין דער זעלבער צייט אַלס פאַרוואַלטער פון ביאַליסטאָקער ראַיאָן.

אַלס מיין שטענדיקער פאַרטרעטער איז באַשטימט געוואָרן פאַר ווילנער געגנט ה' קאָראַלניק.



די ביוראָ פון דער יתומים-אָפּטיילונג ביים ד. ד. ק. אין ווילנע האָט זומער 1922 געהאַט זייער אַ געלונגענעם צוזאַמענשטעל. דער סעקרעטאַר איז געווען ה' כאַרלאַש, די אינסטרוקטאָרין פרוי ס. סטופּעל-קאַגאַן. מיט אַזאַ מין פּערסאָנאַל וואָלט מען געקענט זייער פיל אויפטאָן, נאָר צו באַדויערן, האָט ה' קאָראַלניק, זייענדיק אַ פרעמדער אין ווילנע, ניט געקענט שאַפן דעם געהעריקן קאָנטאַקט. פאַרשיידענע קלייניקייטן און רייבונגען, וועלכע האָבן ביי די אָנגעשטרענגטע באַציאונגען, וואָס האָבן עקסיסטירט אין יענע יאָרן צווישן דעם ד. ד. ק. און די אָרטיקע טוער, זייער פיל געשטערט דער אַרבעט.

איך, צום באַדויערן, האָב ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט אָפּגעבן פיל אויפמערקזאַמקייט דעם ווילנער ביוראָ—און די לאַגע איז דערגאַנגען אַזוי, אַז הערבסט 1922 האָט דער ד. ד. ק. געמוזט שליסן די ביוראָ אין ווילנע. פון יענעם מאָמענט ווערט געפירט אַ דירעקטער קאָנטאַקט פון יתומים-צענטראַלע פון ד. ד. ק. אין וואַרשע מיט „יעקאָפּאָ" באַזונדער און שטאָט ווילנע באַזונדער.

צווישן ד. ד. ק. און „יעקאָפּאָ" שטעלן זיך איין גאַנץ פריינדלעכע באַציאונגען, וועלכע ווירקן זייער פּאָזיטיוו אויף דער אַרבעט. דאָס איז נאָך מער צו באַוואונדערן, וואָס גראָד „יעקאָפּאָ" אין ווילנע איז געווען זייער פּעדאַנטיש אין דער פראַגע פון אַווטאָנאָמישער אָנפירונג מיט דער אַרבעט.

„יעקאָפּאָ" האָט זיך די ערשטע צייט פאַרהעלטניסמעסיק ווייניקער פאַרנומען מיט דער יתומים-אַרבעט אַלס אַזעלכער. ביי „יעקאָפּאָ" איז דאָס געווען איינער פון די פיל צווייגן פון דער אַרבעט, מיט וועלכע ער האָט אָנגעפירט. מיט דער צייט אָבער, אין פּראָצעס פון דער אַרבעט, ווערט דער אינטערעס פון „יעקאָפּאָ" צו דער פּראָבלעם גרעסער. און שוין אין די יאָרן 1923—1924 ווערן דורכגעפירט פון „יעקאָפּאָ" אַ קאָלאָסאַלע אַרבעט, איך וואָלט זאָגן זאָגאַר אַ היסטאָרישע. ווער עס קען עטוואָס אונזער קליין שטעטל, דער וועט מוזן מודה זיין, אַז מען וועט קיין זאַך ניט קענען אויפטאָן, כל זמן מען וועט ניט אַרויספירן דעם פעאיקן קינד פון שטעטעלע און אים אַוועקשטעלן ביי אַזעלכע באַדינגונגען, ביי וועלכע ער זאָל קענען פאָלקאָם אַנטוויקלען זיינע גייסטיקע כוחות — און דאָס איז גאָרניט שווער אויסצופירן. מען דאַרף נאָר האָבן דעם געהעריקן ווילן און די מיטלען.

דאָס האָט געטאָן „יעקאָפּאָ". הונדערטער קינדער פון פּראָווינץ זיינען אַרויסגעריסן געוואָרן פון די קליינע שטעטלעך און זיינען אַריבערגעפירט געוואָרן קיין ווילנע, וואו חוץ אויסהאַלטונג און אַלגעמיינע בילדונג זיינען זיי ביי די וואַרשטאַטן פון פּראָפעסיאָנעלע שולן און פּריוואַטע מייסטערס צוגעגרייט געוואָרן צו אַ געזונטן פּראָדוקטיוון לעבן.

זייער פיל האָט אויך „יעקאָפּאָ" אויפגעטאָן פאַר די יתומים-הייזער פון ווילנער געגנט. ווי עס איז באַוואוסט, איז אין די רייען פון ד. ד. ק. ניט געווען קיין באַזונדערס גינסטיקע באַציאונג צו יתומים-הייזער, ערשטנס, ווייל ניט אומעטום זיינען די אַנשטאַלטן געשטאַנען אויף דער געהעריקער הויך און, צווייטנס, ווייל דער ד. ד. ק. האָט געהאַלטן, אַז ביי די אָרטיקע טוער איז פאַראַן אַ גרעסערע פּיעטעט צו די אַנשטאַלטן און אַ קעלטערע באַציאונג צו די יתומים אין פּריוואַטער אויפזיכט.

„יעקאָפּאָ" האָט שטאַרק פאַרטיידיקט די אַנשטאַלטן, ניט דערלאָזן צו אַ שנעלער רעדוקציע פון דער סובסידיע. אַדאַנק „יעקאָפּאָ" זיינען אויך אַסיגנירט געוואָרן גרעסערע מיטלען אויף רעמאָנטן, ווי אין נאָוואָגרודאָק, אָשמענע א. א.

איך וויל זיך נאָך אָפּשטעלן אויף דער באַציאונג פון „יעקאָפּאָ" צו דער קאָלעגיע פון ד. ד. ק. פאַר יתומים-פאַרזאָרגונג אין פּוילן.

אין מאַי 1923 האָט ה' שאָהאַן, דער דירעקטאָר פון יתומים-אָפּטיילונג אין פּוילן און באַפולמעכטיקטער פון אַמעריקאַנער „דזשוינט", פאַרלאָזן פּוילן און זיך אומגעקערט קיין אַמעריקע. דאַן האָט דער ד. ד. ק. באַשלאָסן ניט דעלעגירן מער קיין אַמעריקאַנער און פאַרטרויען די אָנפירונג מיט דער אַרבעט די אַרטיקע טוער.

קיין געזעלשאַפט פאַר יתומים-פאַרזאָרגונג אין צענטראַלן מאַסשטאַב איז נאָך דאַן ניט געווען און ס'איז באַשלאָסן געוואָרן איבערצוגעבן די אַרבעט אָרטיקע טוער, וועלכע זיינען געווען נאָך פון פריער באַקאַנט מיט זייער אַרבעט אויף דעם געביט. אויף אַזאַ אופן איז געשאַפן געוואָרן די קאָלעגיע פון ד. ד. ק.*) און אינטערעסאַנט איז געווען די באַציאונג פון די אָרטיקע געזעלשאַפטן און די טוער צו דער קאָלעגיע. פאַר זיי איז נאָך געווען פאַרשטענדלעך, ווען אַן „אַמעריקאַנער" האָט אַליין אָנגעפירט מיט דער אַרבעט, אָבער „פּשוטע" אונזערע יידן — דאָס איז זיי ניט געפעלן געוואָרן.

*) זע אויבן, זייט 266.

און זייער אָפט זיינען געווען גאָרניט קיין געלונגענע אַרויסטרעטונגען מצד די טוער קעגן „קאָלעגיע". איך ריר דאָ ניט אָן די פראַגע ווער איז געווען גערעכט — איך וויל נאָר אונטערשטרייכן דעם געזעלשאַפטלעכן מאָמענט אין דער פראַגע.

„יעקאָפּאָ" אָבער, וועלכע האָט פיל געקעמפט מיט די פאָרשטייער פון ד. ד. ק. — די אַמעריקאַנער — האָט לייכט געפונען אַ פאַרשטענדיקונג מיט דער „קאָלעגיע". די טוער פון „יעקאָפּאָ", וועלכע זיינען אויסגעוואַקסן צוזאַמען מיט דער מאָדערנער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט, האָבן גלייך פאַרשטאַנען, אַז „די קאָלעגיע", אין וועלכע ס'זיינען אַריין אָרטיקע טוער, — איז אַן איבערגאַנגס-פּעריאָד צו דעם מאָמענט, ווען די גאַנצע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט וועט איבערגעגעבן ווערן אין די הענט פון דער געזעלשאַפט, ניט קוקנדיק אויף דעם, פון וואַנען די מיטלען נעמען זיך.

די טוער פון „יעקאָפּאָ" האָבן געוואוסט אָפּצושאַצן דעם אָרגאַניזאַציאָנעלן מאָמענט, אַז עס איז ניט אַזוי לייכט איבערצוגעבן אַ גרויסע אַרבעט אין צופעליקע הענט — און דערמיט ערקלערט זיך זייער האַלטונג, ווען עס האָט געדאַרפט געגרינדעט ווערן דער פאַרבאַנד פון די צענטראַלעס.

צום באַדויערן אָבער האָט די זייער אָרימע ווילנער פּראָווינץ, וועלכע איז געווען צורואינירט הן פון דער מלחמה והן צושטערט פון פאַרשיידענע קאַטאַסטראָפעס, ניט געקענט גענוג מיטהעלפן „יעקאָפּאָ" ביי זיין גרויסער אַרבעט פון באַזאָרגן די פּראָווינץ-קינדער מיט פאַך-בילדונג און צו פאַרטיפן און פאַרברייטערן די יתומים-אַרבעט אין איר איבערגיין אויף קינדער-פאַרזאָרגונג בכלל.

דער געדאַנק, אַז דעם קינד געהערט דער אויבנאָן, אַז מען דאַרף אָנשטרענגען די גאַנצע כחות כדי צוגרייטן אין דער שווערער איבערגאַנגס-צייט דעם צוקינפטיקן דור, — איז שוואַך אַריינגעדרונגען אין די מוחות פון די פּראָווינצער יידן.

**א. גומענער.**

---

## די פּונקטן פון ווילנער וואָיעוואודסטווע, וואו „יעקאָפּאָ" האָט געפירט זיין טעטיקייט.

אָראַן, אָלשאַן, אָלקעניק, איגנאַלינע, אָשמענע, אָסטראָוויעץ, אָפּסע, איליע, ביסטריץ, בודסלאָוו, בראַסלאָוו, גודאָגאַי, גלובאָקע, דעווענישעק, דאָווגעלישעק, דוקשט, דאָלהינאָוו, דרויע, דיסנע, דונילאָוויטש, דעקשנע, דאָקשיץ, דרויסק, דובינאָווע, האָלובּיטש, הערמאַנאָוויטש, האָראָדאָק, הײדוציִשעק, וואָרניאַן, וואָראָנאָווע, ווילייקע, ווידז, זאַסקעוויטש, זשופראַן, טורגעל, טראָק, טאַברישעק, טורמאָנט, יאַשון, לושקי, לעבעדעווע, לינגמיאַן, לאַנדוואָראָווע, לינטופּ, מיאָדל, מיכאַלישעק, מאָלאָדעטשנע, מיישעגאָלע, מיאָר, ניי-סווענציאַן, ביי-ווילייקע, נעמענטשין, סוויר, סאָל, סאָלעטשניק, סווענציאַן, סמאָרגאָן, פּאָסטאָוו, פּליסע, פּאָדבראָדז, פּאָדבערעזיע, פּאָהאָסט, פּאַראָפּיאַנאָווע, קאָלטיניאַן, קימעלישעק, קורענעץ, קריוויטש, קאָבילניק, קענע, קרעווע, קראַסנע, קאָזיאַן, רודזישעק, רימשאַן, ראַקאָוו, ראַדאָשקאָוויטש, שאַרקאָווטשיזנע.

---



## עראינערונגען, מאַטעריאַלן און דאָקומענטן



# דער אָנהויב פון „יעקאָפּאָ“

(בלעטלעך זכרונות).



סענאַטאָר, ד"ר מעד. צמח שאַבאַד
פאָרזיצער פון געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ“ אין ווילנע.

דער נאָמען „י ע ק אָ פּ אָ“ איז פאַרבונדן מיט פאַרשיידענע זכרונות פאַר צענדליקער טויזנטער פאַמיליעס, וואָס האָבן איבערגעלעבט די לעצטע 15 יאָר פון דער מלחמה און נאָך דער מלחמה. ס'איז דעריבער גאַנץ ריכטיק דער געדאַנק פון די איניציאַטאָרן פון דעם דאָזיקן „פנקס“ — צו פאַרפעסטיקן אין דרוק אָט די אַלע געשעענישן, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט „יעקאָפּאָ“, און דאָס אַלץ, וואָס איז אויפגעטאָן געוואָרן דורך דער דאָזיקער געזעלשאַפט. די פאַרגאַנגענע יאָרן געהערן שוין צו דער געשיכטע, און פאַרן היסטאָריקער איז בעסער צו האָבן קאָנצענטרירט אין איין בוך די פונאַנדערגעוואָרפענע מאַטעריאַלן, איידער אַליין זיי דערנאָך זוכן. אגב ווערן טאַקע פיל פרטים פאַרגעסן און איינגאַנצן פאַרפאַלן, ווען זיי ווערן ניט אין וועלכער ס'איז פאָרם צוזאַמענגעבראַכט און פאַרפיקסירט.

דער דאָזיקער געדאַנק האָט מיר אויך באַוואויגן דאָ צו ברענגען אייניקע זכרונות און איבערלעבונגען, וואָס האָבן אַ שייכות צו דער אַרבעט פון „יעקאָפּאָ“ און צו דער איבערגעלעבטער צייט.

### I.

אין די צאַרישע צייטן איז פ ע ט ע ר ב ו ר ג געווען די קאָפּ, דער מ ח פון גאַנץ רוסלאַנד. אויך די י י ד י ש ע געזעלשאַפטלעכקייט האָט געהאַט איר רעפּרעזענטאַנץ און געפונען די ערשטע איניציאַטיווע אין אַלע אויפטועכצן קודם כל אין דער הויפטשטאָט. ס'איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואָס תיכף ביים אויסברוך פון דער וועלט-מלחמה, אין וועלכער רוסלאַנד איז אַריינגעטראָטן אַלס איינע פון די ערשטע מדינות, איז געגרינדעט געוואָרן דער יידישער קאָמיטעט צו העלפן די קרבנות פון דער מלחמה („יעקאָפּאָ“) אין פעטערבורג, און וואָס בראש פון אים האָבן זיך געשטעלט די אומעטומיקע כלל-טוער, ווי באַראָן גינצבורג, שלאָסבערג, ווינאַווער, קריינין, בראַמסאָן א. א.

דאָ דאַרף באַמערקט ווערן, אַז אין רוסלאַנד, ווי אין אַלע מלחמה-פירנדיקע אייראָפּעאישע לענדער, איז גלייך אין אָנהויב פון דער מלחמה קינסטלעך אַרויסגערופן געוואָרן אַ ב אַ ג ײ ס ט ע ר ו נ ג מיט דער מלחמה, אַ קריג-שטימונג און אַ פאַטריאָטיזם. אַזוינע ליבעראַלע צייטונגען, ווי „רעטש“ א. א., וואָס האָבן ביזן לעצטן מאָמענט געשריבן ק ע ג ן מלחמה און זיך באַמיט אָ פ צ ו ה אַ ל ט ן פון דער קאַטאַסטראָפע, האָבן שוין אויפן אַנדערן טאָג פון דער מלחמה-ערקלערונג מיט אַמאָל אומגעביטן דעם טאָן און געוועקט אין דער געזעלשאַפט אָט די קריגערישע שטימונג און פאַרשאַרפטן פאַטריאָטיזם.

פון איין זייט איז דאָס — ס'פאַרשטייט זיך — געווען אַ מ ו ז; קריגצושטאַנד און מיליטערישע צענזור איז ניט קיין קלייניקייט. אָבער פון דער אַנדערער זייט, איז שוין די געזעלשאַפט געוואָרן אַזוי ס ו ג ע ס ט י ר ט — פון דרויסן און פון אינעווייניק (אויטאָסוגעסטיע), אַז מענטשן פלעגן זיך אַליין איינריידן, אַז מען פירט טאַקע מלחמה פאַר אַ גרויסער זאַך, פאַר אַ גרויסער אידייע. „מ ל ח מ ה ק ע ג ן מ ל ח מ ה!“ — האָבן געשריבן די בעסטע רוסישע פובליציסטן. „מ ל ח מ ה ק ע ג ן מ י ל י ט אַ ר י ז ם“, מלחמה פאַר אַ גערעכטיקן לעבן, פאַר פרייהייט, פאַר דעמאָקראַטיזם — קענען דען זיין שענערע געדאַנקען!

און די ראַדיקאַלע רוסישע אינטעליגענץ, וואָס האָט ביזאַהער אַזויפיל גענאָסן פון דער דייטשער ליטעראַטור און וויסנשאַפט, וואָס איז אַמאָל אין גרעסטן טייל ערצויגן געוואָרן אויף דער דייטשער פילאָזאָפיע (קאַנט, לייבניץ, העגעל, דערנאָך שאָפּענהויער, ניטשע) און דייטשן סאָציאַליזם (לאַסאַל, מאַרקס), וואָס האָט געגעבן פון זיך הונדערטער געלערנטע, וואָס האָבן זיך פאַרפולקומט אין די דייטשע אוניווערסיטעטן, אָט די רוסישער אינטעליגענץ — צוזאַמען מיט דער פרעסע און מיליטערישע קרייזן — איז מיט אַמאָל געוואָרן דורכגעדרונגען מיט שנאה ניט נאָר צום דייטשן מיליטאַריזם און יונקערטום, נייערט אויך טאַקע צו דער דייטשער פילאָזאָפיע און וויסנשאַפט.

„פון קאַנט צו קרופּ“ האָט געדרוקט אַ שרייענדיקן אַרטיקל אין אַן ערנסטן רוסישן זשורנאַל איינער פון די רוסישע פובליציסטן, וועלנדיק אויפווייזן, אַז שוין דער פילאָזאָף קאַנט מיט 100 יאָר צוריק איז געווען שולדיק אין דער אַנטוויקלונג פון דעם דייטשן מיליטאַריזם.

אַזוי איז געווען אין רוסלאַנד; אַזוי איבעריקנס איז פאָרגעקומען אויך אין די אַנדערע מלחמה-פירנדיקע לענדער אין אַ פאַרקערטן שטייגער. אומעטום פלעגט מען אונטערוואָרעמען די שנאה און העצע פון איין-פאָלק קעגן דעם אַנדערן.

אין דייטשלאַנד האָט די מלחמה געטראָפן טויזנטער פאַמיליעס רוסישע בירגער (פון זיי זייער פיל יידן), וואָס האָבן געמוזט לויפן צוריק פון די קוראָרטן אַרום דורך די נייטראַלע לענדער (שוועדן), ווייל די גרעניץ איז שוין געווען פאַרמאַכט, און דיזעלבע געמיטלעכע באַלעבאַטישע דייטשן און דייטשקעס, וואָס פלעגן מיט אַזאַ אומגעדולד וואַרטן אויף די רוסישע געסט, וואָס פלעגן זיי געבן גוט צו פאַרדינען, האָבן אויף די בערלינער גאַסן געשלאָגן און באַשפיגן די „רוסישע באַרבאַרן“, וואָס זיינען געווען גאָט די נשמה שולדיק אין דער מלחמה צווישן ווילהעלמען און ניקאָלאַיען.

צו דער כאַראַקטעריסטיק פון דער באַציאונג פון דער ראַדיקאַלער רוסישער אינטעליגענץ צו דער מלחמה מוז איך דערמאָנען אַ געהיימע פאַרזאַמלונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין פעטערבורג. אין רוסלאַנד האָט אַ געוויסע צייט עקזיסטירט אַ שטרענג-געהיימע אָרגאַניזאַציע, וועגן וועלכער ס'איז — דוכט זיך — נאָך ניט אָראָפּגענומען דער מאָראַלישער

פאַרבאָט צו האַלטן די פּרטים בסוד. די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע האָט געהאַט זיך אין ווילנע קליינע באַהאַלטענע קרייזלעך, אין וועלכע ס'האָבן גענומען אָנטייל עטלעכע פּאָלאַקן, יידן, ליטווינער און ווייסרוסן. אין האַרבסט 1914 איז אין פּעטערבורג צוזאַמענגערופן געוואָרן אַ געהיימער צוזאַמענפאָר פון דעלעגאַטן פון דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע פון גאַנץ רוסלאַנד. פון ווילנע זיינען חוץ מיר געקומען איין פּאָלאַק, איין ווייסרוס און איין ליטווינער. פון קיעוו זיינען געקומען אויך אוקראַינער. דער גרעסטער טייל דעלעגאַטן זיינען אָבער געווען רוסן. צווישן זיי אַ שטייגער אַזעלכע ווי נעקראַסאָוו, קאָלוביאַקין, קערענסקי, פירשט אורוסאָוו און נאָך פיל אַנדערע.

צווישן אַנדערע פּאָליטישע און אָרגאַניזאַציאָנעלע פראַגן איז געשטאַנען די הויפּטפראַגע: ווי זאָל זיך די אָרגאַניזאַציע באַציִען צו דער מלחמה?

נעקראַסאָוו — געדענק איך — האָט געהאַלטן אַ רעפעראַט און האָט דערציילט וועגן דעם אַזויגערופענעם „יאַפּאַנישן שטאַנדפּונקט" צו דער מלחמה. פאַר מיר איז דאָס געווען אַ נייס. איך האָב געוואוסט, אַז צום רוסיש-יאַפּאַנישן קריג האָט די רוסישע ליבעראַל-דעמאָקראַטישע אינטעליגענץ זיך באַצויגן נעגאַטיוו. נאָך מערער האָב איך געוואוסט, אַז די רוסישע יידן האָבן זיך זייער ווייניק געקימערט פון די מפּלות פון די רוסישע חיילות אין מאַנדזשוריע און פון דעם רוסישן פלאָט אין די וואַסערן פון יאַפּאָניע. איך האָב אויך געהערט, אַז אין אַמעריקע האָבן די יידן, רוסישע עמיגראַנטן, נאָך דעם קעשענעווער פּאָגראָם, זיך געפרייט איבער דעם אונטערגאַנג פון מאַקאַראָווס קרייסערס און דער פלאָטיליע פון ראָזשדעסטווענסקי. איך האָב אָבער זיך ניט געקענט פאָרשטעלן, אַז אויך די בעסטע רוסישע אינטעליגענץ האָט געוואָלט, אַז רוסלאַנד זאָל פאַרלירן דעם רוסיש-יאַפּאַנישן קריג, האָט געוואָלט, רוסלאַנד זאָל האָבן אַ מפּלה.

דאָס האָט זיך דאַן פאַרקירצט אָנגערופן „יאַפּאַנישער שטאַנדפּונקט". דער זין איז געווען דער, וואָס — לויט דער ערפאַרונג פון דער רוסישער געשיכטע — קומען אין רוסלאַנד נאָך אַ מיליטערישער מפּלה פּאָליטישע רעפאָרמען. אַזוי איז געווען אָנהויב פון די 60-ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט בעת נאָך דעם סעוואַסטאָפּאָלער קריג אין יאָר 1856 זיינען געקומען די ליבעראַלע רעפאָרמען פון אַלעקסאַנדער דעם 2-טן. אויך נאָך דער מפּלה פון דער אומזיניקער מלחמה מיט די יאַפּאַנער האָט די רוסישע אינטעליגענץ געהאַפט אויף ראַדיקאַלע רעפאָרמען.

און באמת, נאָכן שלום, וואָס וויטע׳ן איז געלונגען דורכצופירן מיט דער אַריינמישונג פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג, איז געקומען אין רוסלאַנד די „רעגירונג פון צוטרוי" פון סוויאַטאָפּאָלק-מירסקי און דערנאָך די רעוואָלוציע אין יאָר 1905 מיט דער פאַרעפנטלעכונג פון דער קאָנסטיטוציע, צוזאַמענרופונג פון דער דומע א. אַז. וו.

אָט האָט זיך אויף דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג געשטעלט די פראַגע, צי זאָל מען זיך אויך אין יאָר 1914 האַלטן ביי דעם דערמאָנטן „יאַפּאַנישן שטאַנדפּונקט". ס'זיינען אַרויסגעזאָגט געוואָרן פאַרשיידענע מיינונגען און האָפענונגען וועגן דעם, וואָס די מלחמה קען ברענגען. ס'פאַרשטייט זיך, אַז דאָס וואָס איז פאָרגעקומען, האָט קיינער ניט פאָראויסגעזען. אָבער כמעט אַלע האָבן דאַסמאָל דעם „יאַפּאַנישן שטאַנדפּונקט" אָפּגעוואָרפן. באַזונדערס שאַרף און פּאַטריאָטיש — געדענק איך — איז דאַן אַרויסגעטראָטן קוסקאָוואַ. זי האָט געזאָגט: איך ווייס ניט, צי נאָך דער מלחמה וועלן מיר האָבן נאָך אַ רעוואָלוציע, צי ניט; צי מיר וועלן האָבן בעסער, צי ערגער. נאָר אויב ס'זאָל שוין זיין אַ מאַכט פון אַ קיסר, ווייל איך שוין בעסער האָבן ניקאָלאַי דעם 2-טן, איידער ליגן אונטער דער פּיאַטע פון ווילהעלמען דעם 2-טן.

ביי דער אָפּשטימונג האָבן זיך נאָר 2—3 אוקראַינער און איין פּאָלאַק (מיכאַאיל ראָמער פון ווילנע) זיך אַרויסגעזאָגט פאַר דער עסטרייכישער אָריענטאַציע (ד. ה. זיי ווילן, אַז די עסטרייכער זאָלן געווינען די מלחמה), אייניקע האָבן זיך אָפּגעהאַלטן (אונזערע ווילנער), און אַלע איבעריקע האָבן זיך אַרויסגעזאָגט פּאַטריאָטיש, ד. ה. מען מוז מיט אַלע מיטלען זען, רוסלאַנד זאָל אָפּהאַלטן אַ נצחון.

איך האָב זיך אָפּגעשטעלט אויף דעם דאָזיקן, אין ערגיץ ניט פאַרעפנטלעכטן אינצידענט, כדי צו כאַראַקטעריזירן די שטימונג פון דער דעמאָלסדיקער ראַדיקאַל-דעמאָקראַטישער רוסישער געזעלשאַפט. און טאַקע גלייך נאָך דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג איז דער גרעסטער טייל פון די אָנטיילנעמער אַוועק אויף דער מלחמה פרייוויליק (קאָלוביאַקין איז גיך געהרגעט געוואָרן אַלס אָפיציר) אָדער גענומען אָרגאַניזירן הילף אויפן פראָנט (געקראַסאָוו, דאָלגאָרוקאָוו, קישקין, קאָמיסאַראָוו און פיל אַנדערע).

פון דעם אַלעמען איז שוין קלאָר, אַז אויך די יידישע געזעלשאַפטלעכע רעפּרעזענטאַנץ — איינע אויפריכטיק, די אַנדערע דיפּלאָמאַטיש — האָבן אָנגעהויבן אַרויסצווייזן זייער פּאַטריאָטיזם און גרייטקייט מיטצוהעלפן און אָנטיילצונעמען — אין וועלכער ס'איז פאָרם — אין דער מלחמה.

הונדערטער טויזנטער יידישע זעלנער זיינען פּאַקטיש אַריינגעצויגן געוואָרן אין די שלאַכטן, צענדליקער טויזנטער זיינען געהרגעט, פאַרוואונדעט און פאַרפאַלן געוואָרן. טויזנטער יידישע דאָקטוירים זיינען גערופן געוואָרן אין מיליטער, און דאָס גאַנצע יידיש לעבן אין רוסלאַנד איז איבערגעאַנדערשט געוואָרן און רואינירט געוואָרן ביז די וואָרצלען.

.II

אויף „יעקאָפּאָ", און בכלל אויף דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט, איז דאַן אַרויפגעפאַלן אַ שווערע, גרויסע און פּיל-זייטיקע אַרבעט. ס'איז ווייניק געווען צו זאַמלען געלט און פאַרטיילן צווישן די געליטענע פון דער מלחמה. ס'איז ווייניק געווען צו בויען לאַזאַרעטן פאַר די פאַרוואונדעטע, שיקן וואַרעמע זאַכן אויפן פראָנט, מתנות פאַר די זעלנער א. ד. גל. ס'האָבן זיך אָנגעהויבן ספּעציעל יידישע צרות, אומגליקן צווייערליי.

ערשטנס, האָט זיך אָנגעהויבן אַ סיסטעמאַטישע אָרגאַניזירטע העצע קעגן יידן צווישן מיליטער. ס'האָבן זיך אַ שאָט געטאָן באַשולדיקונגען קעגן די יידן אין שפּיאָנאַזש, אין בגידה, אין האַלטן געהיימע טעלעפאָנען, אין געבן סיגנאַלן און ידיעות דעם שונא א. אַז. וו. מען האָט ערנסט געשריבן אין די צייטונגען, אַז אין איין אָרט האָט מען ביי אַ יידן געפונען אין באָרד אַ באַהאַלטענעם טעלעפאָן, און אין אַנדער אָרט האָט מען צוזאַמען מיט אַ מת דורכגעפירט אַ קוילנוואַרפער. ס'האָבן זיך אָנגעהויבן גערייכטלעכע פּראָצעסן קעגן יידן און דערנאָך מאַסן-אַרויסטרייבונגען פון די פראָנט-ערטער, פון די פעסטונגען (גראָדנע, קאָוונע), און צום סוף — אַן אַלגעמיינער גירוש: אַלע יידן — אָן אויסנאַם — זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרן אין 24 שעה פון גאַנץ קאָוונער און קורלענדער גובערניעס.

דאָס אַליין האָט אַרויסגערופן די נייטיקייט פון זיך פאַרטיידיקן, זיך פאַרענטפערן און זיך משתדל זיין. מען האָט געמוזט אָפּשרייען די גזרות (והגם דאָס

האס ווייניק געהאלפן) און לכל הפחות אויפגעוויזן דעם בעסערן טייל פון דער רוסישער געזעלשאפט, אז די באשולדיקונגען זיינען פשוט רכילות, אז די רוסישע גענעראלן ווילן פשוט מיט זיי פארענטפערן זייערע מפלות. דאס אלץ האט נאך מערער ארויסגערופן א „היפער-פאטריאטיזם" אין דער יידישער געזעלשאפט און אן אפאלאגעטישן כאראקטער פון דער פרעסע.

פון דער אנדערער זייט איז די צאל יידן-געליטענע פון דער מלחמה געווארן אומגעהייער גרויס. די הילף האט געדארפט אנגעווענדעט ווערן ניט אזוי אויף צו העלפן די מיליטערלייט, וואס האבן געליטן פון דער מלחמה, ווי דער ציווילער באפעלקערונג. בוכשטעבלעך הונדערטער טויזנטער יידן זיינען ארויסגעטריבן געווארן פון זייערע ערטער און געמוזט זוכן חיונה ערגיצוואו אין אן אנדער ארט. מען האט געמוזט זארגן פאר די צענדליקער טויזנטער קינדער, אלטע און שוואכע, ארבעטסלאזע, הונגעריקע, נאקעטע. דאס אלץ איז ארויפגעפאלן אויף די פלייצעס פון דער יידישער געזעלשאפט, און די רעזולטאטן פון דער שרעקלעכער מלחמה לאזן זיך נאך פילן עד-היום.

אין ווילנע האט זיך גלייך געעפנט אן אפטיילונג פון פעטערבורגער „יעקאפא". די שטאט איז באלד געווארן א הינטערפראנט, וואו ס'האבן אנגעהויבן אנצוקומען אפריער די אנטלאפענע און דערנאך די ארויסגעטריבענע פון די פראנט-געגנטן. די דעמאלטיקע קהילה (צדקה-גדולה) האט געעפנט א לאזארעט פאר פארוואונדעטע אין בנין פון משמרת-חולים; ס'האבן זיך געגרינדעט קינדער-היימען פאר די קינדער פון די מגורשים, אינטערנאטן, קיכן א. ד. גל. וועגן דעם איז שוין געשריבן געווארן אין „ווילנער זאמלבוך". דער ווילנער קאמיטעט פלעגט באקומען הילף פון פעטערבורגער קאמיטעט, פון אלגעמיינעם טאטיאנא-קאמיטעט א. ד. גל. צום שווערסטן איז געווארן די לאגע פון שטאט אין סעפטעמבער 1915, בעת די רוסן האבן אנגעהויבן פארלאזן ווילנע, און די שטאט איז אקופירט געווארן פון די דייטשן. דער ווילנער יידישער קאמיטעט איז געבליבן אן א גראשן געלט, אפגעשניטן פון פעטערבורג, מיט 22 טויזנט היימלאזע און מיט א העלפט יידישע איינוואוינער, וואס דער גרעסטער טייל זייערער איז געבליבן אן מיטלען און אן פארדינסט. צום גליק איז אין דער קורצער צייט, וואס האט געדויערט די עוואקואציע פון ווילנע ביזן אנקומען פון די דייטשן (פון ראש-השנה ביז יום-כפור), מיר געלונגען צוויי מאל צו באקומען פון פעטערבורג פאר ווילנע צו 50 טויזנט רובל, וואס האט אין א געוויסער מאס געראטעוועט אונזער לאגע.

פון שטאנדפונקט פון זכרונות לוינט אפשר דא צו זאגן א פאר ווערטער וועגן די דאזיקע מיינע צוויי נסיעות.

### III.

סוף אווגוסט 1915 איז שוין כמעט די גאנצע שטאט געווען עוואקוירט — אלע מלוכישע אינסטיטוציעס, פאבריקן און גרעסערע געשעפטן. א גרויסער טייל קראמען זיינען פארמאכט און פארקלאפט מיט ברעטער. די גאסן מאכן אן אומעטיקן איינדרוק. ס'איז שטיל, די מענטשן גייען ארום צעטראגן, אין הוילן שרעק פון אומבאוואוסטקייט: וואס וועט זיין ווייטער? פיינדלעכע עראפלאנען פליען איבערן שטאט הויך אין הימל און ווארפן באמבעס אויפן וואקזאל און אויך אינמיטן שטאט. ס'רייסן אויף בנינים, ס'פאלן אומשולדיקע קרבנות. די רוסישע הארמאטן שיסן אין די דייטשע עראפלאנען און אויפן העלן אווגוסט-הימל פלאצן די קוילן, ווארפנדיק פון זיך שיינע וואלקנס, וואס צעשיטן זיך אין די שטראלן פון דער זון. א שיין בילד, אבער ניט קיין פריילעכס.

די שטאט איז פול מיט צענדליקער טויזנטער ארימע, אומגליקלעכע אנטלאפענע און ארויסגעטריבענע. די נויט איז גרויס, די מיטלען פונם יידישן קאמיטעט ענדיקן זיך, די הוצאות און דער יקרות ווערן גרעסער. וואס וועט זיין, אז דאס געלט וועט זיך ענדיקן, פון וואנען וועט קומען הילף, ווען מיר וועלן זיין אפגעריסן פון דער גאנצער וועלט?

די באנען גייען שוין ניט רעגלמעסיק, דער עיקר זיינען זיי באשטימט פאר מיליטער. אויפן ווילנער וואקזאל טאר מען שוין ניט ארויפגיין. דער וועג אויף לידע (פאליעסער באן) און אויף לאנדוואראווע (ווארשעווער) איז שוין אפגעשניטן. די פארבינדונג איז נאך געבליבן מיט מינסק און מיט פעטערבורג דורך דער סטאנציע — נאווא-ווילייסק.

דער יידישער קאמיטעט באשליסט מיך צו קאמאנדירן אין פעטערבורג, טאמער וועט מיר נאך געלינגען צו באקומען דארטן געלט און זיך אומקערן צוריק אין ווילנע.

איך האב גערן אנגענומען די מיסיע: יעדער גראשן, וואס מיר וועלן באקומען, וועט אונז גוט צוניצקומען. איך פאר אויף א דראזשקע אין נאווא-ווילייסק (7 קילאמעטער). ארום וואקזאל איז אן אמתער מיליטער-לאגער. ס'קאכט פון אלערליי מיליטער, די שטימונג איז אן ערנסטע; ווען דער צוג וועט אפגיין אין פעטערבורג, ווייס קיינער ניט. מען דארף גוט אכטונג געבן: מיט אמאל קען ער אוועקגיין. אזייגער 10 אינאווענט הערט זיך טאקע א פייף, מיר זעצן זיך אין וואגאן, און דער צוג גייט אומגעשטערט — גאר ווי אין די גוטע צייטן — ביז פעטערבורג.

דא איז גאר אן אנדער לעבן. ס'קאכט נאך מערער, ווי אין די פרידנסצייטן. ס'קומען אן נאכאנאנד צוגן מיט פארוואונדעטע. אומעטום זעט מען מענטשן מיט א באנד פון רויטן קרייץ. אבער ס'איז פריילעך און לעבעדיק; דער שונא איז ווייט. הגם ס'הערן זיך פעסימיסטישע שטימען, אז די דייטשע קרייסערס קענען באמבארדירן אויך פעטערבורג. אויף די שיינע גאסן פון הויפטשטאט איז טומלדיק. אין די מאגאזינען לייזט מען געשמאק, און מענטשן מאכן גוטע געשעפטן.

צוליב מיין קומען איז צוזאמענגערופן געווארן אן עקסטרע זיצונג פון קאמיטעט „יעקאפא". ס'זעען זיך באקאנטע פנימער: באראן גינצבורג, שלאסבערג, ווינאווער, בראמסאן, ברוצקוס, מאדעל, יעפראיקין א. א. איך דערצייל וועגן דער שווערער לאגע, אין וועלכער ס'געפינט זיך די שטאט ווילנע און די געבליבענע יידישע באפעלקערונג מיט אירע 22 טויזנט פליכטלינגע. איך פאדער 100 טויזנט רובל, און דאס געלט מוז תיכף געגעבן ווערן. איך ווער אונטערשטיצט פון מיינע חברים, אבער קיין צו פיל געלט האט דער קאמיטעט אויך ניט, און די הוצאות זיינען גרויס. הונדערטער טויזנטער יידן זיינען אנגעקומען אין אלע קאנטן פון רוסלאנד, ס'איז געבראכן געווארן דער „תחום המושב", און פאר אלעמען מוז מען זארגן. דער קאמיטעט באשליסט מיר צו געבן תיכף 50 טויזנט רובל; אויב ס'וועט זיין מעגלעך, וועט מען אין עטלעכע טעג ארום שיקן פאר אונז טעלעגראפיש אין מינסק נאך 50 טויזנט.

אויף מארגן, ערב ראש-השנה, האב איך באקומען אין באנק 50.000 רובל. דאס איז געווען א גרויסע סומע; ווערטפאפירן און גרעסערע באנקנאטן קען איך אויך ניט נעמען: ס'וועט ניט זיין אין ווילנע, וואו צו בייטן. ס'איז געווארן א גרויסער פאק פון פאפירגעלט, וואס מען האט מיר איינגענייט אין

אַ זאַק און אָנגעטאָן אונטערן העמד, אַזוי אַז איך האָב אויסגעזען, ווי אַ מעוברתע פרוי. מיט דעם בין איך גלײַך פון באַנק געפאָרן אויף אַן אַווטאָמאָביל צום וואָקזאַל: איך האָב זיך געמוזט אײַלן אַהיים, יעדן מאָמענט האָט די פאַרבינדונג געקענט איבערגעריסן ווערן.

איך בין געווען — ס'פאַרשטייט זיך — גליקלעך, וואָס איך פיר געלט פאַר מײַן שטאָט, אָבער אויפן האַרצן איז געווען זייער ניט פריילעך. צוויי געפילן האָבן אין מיר געקעמפט: מײַן גאַנצע פאַמיליע האָט זיך געפונען אין פעטערבורג, ס'איז מיר געווען זייער שווער זיך צו שיידן מיט מײַן פרוי און קינדער — ווער ווייס, אויף ווי לאַנג?.

אָבער ווילנע האָט מזל, דער צוג איז גוט אָנגעקומען אין ווילנע (אייגנטלעך אין נאָוואָ-ווילייסק), און איך האָב דאָס געלט מיט שמחה איבערגעגעבן דעם קאָמיטעט. צוזאַמען מיט מיר איז אויך געפאָרן פון פעטערבורג מ אַ ז אַ, וואָס האָט גלײַך אָנגעהויבן צו אַרבעטן אין ווילנער קאָמיטעט. שפעטער האָט ער דאָס אָנגעפירט מיט דער „ווילנער טרופע", וואָס איז אַזוי באַקאַנט געוואָרן אויף דער גאַנצער וועלט.

אין אַ טאָג אַרום, פרײַטיק ערב שבת תשובה באַקומט זיך אין קאָמיטעט אַ דעפעשע פון ישראל בונימאָוויטשן, אַז דער פעטערבורגער קאָמיטעט האָט איבערגעשיקט אין מינסק נאָך 50.000 רובל אויף די נעמען פון איינעם פון 5 פערזאָנען (הרב רובינשטיין, ראַכמילעוויטש א. א.); מײַן נאָמען איז ניט געווען דערמאָנט. מען האָט געמוזט תיכף פאָרן, ווײַל מען איז ניט געווען זיכער, אַז הײַנט-מאָרגן וועט די פאַרבינדונג אינגאַנצן ווערן איבערגעריסן. אָבער קיינער פון די 5 פערזאָן האָט ניט געוואָלט און ניט געקענט פאָרן קיין מינסק. דער גורל איז ווידער געפאַלן אויף מיר.

די שטרעקע פון ווילנע ביז מינסק איז קירצער, ווי ביז פעטערבורג, אָבער די פאַרבינדונג איז שוין געווען אַ סך שווערער, און פאַר ציווילע פערזאָנען כמעט אוממעגלעך. איך האָב אָנגעטאָן מײַן מיליטערישע אוניפאָרם, וואָס איך האָב געהאַט נאָך פון מײַן פרײַוויליקן דינסט אין פאַרבאַנד פון די רוסישע שטעט, און אַריבערגעפאָרן מיט בונימאָוויטשעס דעפעש אין מינסק. די נסיעה איז געגאַנגען גאַנץ גלאַט, אָבער דאָס געלט צו באַקומען איז געווען ניט לײַכט. ערשטנס, האָט נאָך די מינסקער באַנק נ י ט ב אַ ק ו מ ע ן קיין אַוויז אויף אַרויסצוצאָלן די 50 טויזנט רובל, און, צווייטנס, איז פון די 5 פערזאָנען, וואָס האָבן געהאַט דאָס רעכט צו באַקומען דאָס געלט, מײַן נאָמען ניט געווען דערמאָנט. וואַרטן אָבער אויף אַ טעלעגראַפישע פאַרשטענדיקונג האָב איך ניט געקאָנט. ס'האָבן זיך אַרײַנגעלייגט אין ענין די אָרטיקע אָנגעזעענע טוער (מײַן ברודער, שמעון קאָוואַרסקי א. א.) און האָבן אונטערגעשריבן אַ התחייבות, אַז זיי גאַראַנטירן פאַר די 50 טויזנט רובל. שבת-צו-נאַכטס בין איך שוין אָפגעפאָרן קיין ווילנע.

אַ גאַנצן מעת-לעת בין איך אין אוניפאָרם פון אַ רוסישן פאָלקאָווניק געפאָרן פון מינסק ביז ווילנע מיט אַ גרויסן בויך, אָנגעלאָדעוועט מיט אַסיגנאַציעס. אויף די סטאַנציעס איז מען געשטאַנען לאַנג, און איך האָב זיך געמוזט איבערזעצן פון איין וואַגאָן אין דעם אַנדערן, ביז איך בין זונטאָג אין אָוונט געקומען אין נאָוואָ-ווילייסק. פון דאַנען האָבן מיר שוין 7 וויאָרסט געמוזט גיין צופוס ביז ווילנע.

שבת יום-כפור פאַרטאָג דעם 5/18 סעפטעמבער איז די שטאָט געוואָרן פאַרנומען פון דער דײַטשער מיליטער.

IV.

ס'זײַנען אַוועק 3 שוואַרצע יאָרן פון דײַטשער אָקופאַציע, פון נויט און הונגער. אָבער דאָס איז אַ קאַפיטל פאַר זיך און געהערט ניט דירעקט צו מײַן טעמע. אגב זײַנען די דאָזיקע יאָרן שוין באַשריבן געוואָרן פון פאַרשיידענע זײַטן (ז. „ווילנער זאַמלבוך" I—II; פנקס פון דער ווילנער היסט.-עטנ. געז.; ד"ר וויגאָדסקי). איך וויל דאָ איבערגיין צום אָנהויב פון דער אַרבעט פונם ו י ל נ ע ר „י ע ק אָ פ אָ".

אין מאַי 1918, בעת די דײַטשע הערשאַפט אין די אָקופירטע געביטן פון רוסלאַנד איז נאָך געווען אין פולער קראַפט, איז מיר געלונגען זיך אַרויסצורײַסן פון ווילנע קיין פעטערבורג. ביז זומער 1917 האָט גאָר קיין רייד ניט געקענט זײַן, אַז ציווילע פערזאָנען זאָלן באַקומען אַן ערלויבעניש צו פאָרן מיט דער באַן, ווער רעדט שוין וועגן איבערגיין די גרעניץ. שפעטער בעת דער מיליטערישער גליק פון די דײַטשן האָט זיך שוין אָנגעהויבן צו וואַקלען און די דײַטשע מלוכה-מענער האָבן שוין אָנגעהויבן פאַראויסצוזען אַ מפלה, איז דער רעזשים אין די אָקופירטע געגנטן אויך געוואָרן עטוואָס שוואַכער. סוחרים-ספעקולאַנטן האָבן אָנגעהויבן צו באַקומען „אויסווייזן" אויף צו פאָרן פון איין שטאָט אין די אַנדערע. אויך אַרכיקע דאָקטוירים פלעגן באַקומען ערלויבענישן צו באַזוכן קראַנקע אין די אַרומיקע געגנטן.

איך האָב באַקומען אַ פאַס אויף 28 טעג צו פאָרן הין און צוריק ביזן גרעניץ פון „אָבעראָסט", ד. ה. ביז ט ו ר מ אָ נ ט ביי דענעבורג (דווינסק). אָבער ווי פאָרט מען ווײַטער ביז פעטערבורג? אויפן וואָקזאַל אין ווילנע טרעף איך אַ באַקאַנטן „שמוכלער" קאָוו. און בעט ביי אים אַן עצה. ער האָט מיר געמאַכט די זאַך לײַכט, און געקויפט פאַר מיר אַ בילעט ביז דווינסק (דענעבורג). ביז טורמאָנט בין איך אַליין געפאָרן רואיק. אויפן וועג האָט דערזעלבער קאָוו. מיך גענומען צו זיך אין צווייטן קלאַס (איך בין געפאָרן אין דריטן) און מיך „געלערנט", ווי איך קען אויך פאָרן ווײַטער. מיר זײַנען געזעסן ניט לאַנג צוזאַמען, ווײַל איך האָב געוואָלט זײַן כשר און ניט זיצן אין צווייטן קלאַס מיט אַ בילעט פון דריטן. אין ק אַ ל ק ו ן (ניט ווייט פון דענעבורג), וואו דער צוג האָט געהאַלטן אַ פאָר מינוט, בין איך אַראָפ, כדי אַרײַנצוגיין צוריק אין מײַן וואַגאָן, אין וועלכן איך בין געזעסן פריער, און וואו ס'זײַנען געווען מײַנע זאַכן.

איך דאַרף באַמערקן, אַז בעת דער דײַטשער אָקופאַציע זײַנען פאַר דער ציווילער באַפעלקערונג געווען באַזונדערע וואַגאָנעס, און זיצן צוזאַמען מיט מיליטערלײַט איז געווען שטרענג פאַרבאָטן. די דײַטשן האָבן בכלל זייער מורא געהאַט פאַר „שפיאָנענגעפאַר". אַזוינע אויפשריפטן זײַנען געווען אויך אויף די וואַגאָנעס. מן הסתם בין איך ניט ווייסנדיק אַרויס אויף דער סטאַנציע פון דער אַנדערער זײַט און דערנאָך שוין בשום אופן ניט געקענט געפינען מײַן וואַגאָן. איך האָב געוועסט געפרובט זיך זעצן צו די זעלנער, נאָר מען האָט מיך פון דאָרטן אַרויסגעשטופט, און איידער איך האָב באַוויזן צו געפינען מײַן וואַגאָן, האָט זיך דער צוג שוין גערירט. איך בין געבליבן אַזוי אויף דער סטאַנציע קאַלקון אָן זאַכן און האָבנדיק ביי זיך אַן ערלויבעניש צו פאָרן בלויז ביז טורמאָנט. די לאַגע איז געווען ניט פון די אָנגענעמע און אַ בענוג נאַרישע.

ס'איז געווען אַזייגער 2 בייטאָג, ס'האָט אַ ביסל גערעגנט, און איך בין געבליבן אין גרויס פאַרלעגנהייט, ווי דרייט מען זיך אַרויס פון דער לאַגע? איינער האָט מיר געראָטן צו גיין צום קאָמענדאַנט (אַ פאָר קילאָמעטער) און בעטן אַן אַרײַנלאָז. אָבער דאָס איז גע-

ווען אָן שום אויסזיכט אויף ערפאָלג; חוצדעם וואָלט זיך דאַן אַנטדעקט מיין ניט־לעגאַלקייט. דאָ האָט מיר איינער אַ פויער געראָטן איבערצופאָרן די דווינע אויף אַ שיפל און אַזוי קומען אינמיטן שטאָט דענעבורג. איך האָב אים געפאָלגט און געגאַנגען צום טייך.

דאָ איז טאַקע געווען אַ שיפל, און אַ פּאָר קריסטן האָבן זיך געקליבן אַריבערצושיפלען אויף דער אַנדערער זייט. ס'האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז אויך דאָ דאַרף מען האָבן אַן „אויסווייז" אויף אַריינצוגיין אין שטאָט. פאַר 5 מאַרק האָט איינער פון די קריסטן מסכים געווען מיר צו „לייען" זיין ערלויבעניש, און מיר האָבן זיך אַריבערגעשיפלט איבער דער דווינע. דאָ האָט דערזעלבער געליען ביים שכן יענעמס „אויסווייז", איינעם געגעבן מיר אין האַנט און דעם אַנדערן געהאַלטן ביי זיך, און אַזוי זיינען מיר אַריין אין שטאָט. אָפּגייענדיק אַ פּאָר טריט פון דער וואַך, האָט ער צוריקגענומען ביי מיר דעם פּאַפּיר און זיך אומגעקערט צו זיין שיפל, און איך האָב אַזוי שוין בשלום זיך געפונען אויף די דענעבורגער גאַסן.

צום גליק האָב איך געדענקט דעם נאָמען פון האָטעל, וואו קאָוו. שטעלט זיך אָפּ און בין אַוועק גלייך אַהין. אגב איז דאָס געווען זייער נאָענט. ווי גרויס איז געווען מיין שמחה, ווען איך האָב דערזען אין האָטעל מיינע אַלע זאַכן, וואָס דער פריינדלעכער קאָוו. — זעענדיק מיין אומגליק — האָט מיטגענומען מיט זיך.

דענעבורג האָט זיך דאַן געפונען ניט אין אַ בעסערער לאַגע, ווי ווילנע. די שטאָט איז געווען פאַראָרעמט. אַלס אַ געוועזענע רוסישע פעסטונג, האָט זי זייער פיל געליטן פון מיליטערישע אָפּעראַציעס. אַ גרויסער טייל איינוואוינער זיינען אַרויסגעפאָרן, דער גאַנצער פריערדיקער האַנדל האָט זיך אָפּגעשטעלט. מערניט עטלעכע „שמוכלאַרעס" האָבן פאַרשטאַנען דאָ צו פאַרדינען אַ גראָשן און האָבן זיך געפילט צופרידן. זיי האָבן גוט געלעבט מיט די פילצאָליקע דייטשע „לייטענאַנטן" און געמאַכט מיט זיי גוטע געשעפטן. אגב איז דאָ די דייטשע אָקופּאַציע געווען בלויז אַ צייטווייליקע, און דער מיליטערישער רעזשים בנוגע צו דער ציווילער באַפעלקערונג איז ניט געווען אַזוי שטרענג, ווי ביי אונז אין „אָבעראָסט".

מיין פריינד קאָוו. איז טאַקע אַריין מיט מיר צו איינעם פון די „לייטענאַנטן" און האָט געפועלט פאַר מיר אַ דורכלאָז ביז פּ ס ק אָ וו.

איך בין געווען גליקלעך, וואָס מיין ציל דערנענטערט זיך מקוים צו ווערן.

דער צוג פון דענעבורג ביז פּסקאָוו איז שוין געווען גאָר אַן אַנדערער, ווי פון ווילנע. ס'זיינען שוין ניט געווען די שיינע דייטשע וואַגאָנעס פון אַ D־צוג, נאָר אַלטע רוסישע וואַגאָנעס פון 4־טן קלאַס מיט פּראָסטע ברעטערנע בענק אונטן און אויבן. אויך דער עולם איז געווען גאָר אַן אַנדערער: דאָס רוב רוסישע אַרבעטער; ס'האָט שוין געשמעקט מיט באָלשעוויזם.

די נאַכט זיינען מיר דורכגעפאָרן אָן שטערונגען, און אויף מאָרגן בין איך אָנגעקומען קיין פּסקאָוו, וואָס האָט זיך דאַן געפונען ביי די דייטשן. איך האָב געהאַט מיט זיך היפּש געפּעק, ווייל איך האָב געפירט מיט זיך מתנות, דער עיקר עסנוואַרג, פאַר מיין פאַמיליע אין פעטערבורג. איך האָב געלאָזן די זאַכן אויפן וואָקזאַל און זיך געלאָזן איבער דער אומבאַקאַנטער שטאָט זוכן באַקאַנטע.

איך האָב געהאַט אַן אַדרעס פון אַ געוועזענעם ווילנער איינוואוינער. מען האָט מיך דאָרטן גוט צוגענומען, געגעבן עסן און צוגעזאָגט מיך צו פירן ווייטער. דאָרטן האָב איך טאַקע געטראָפן נאָך אַ באַקאַנטן ווילנער „שמוכלער" ר אָ ב., וועלכער האָט זיך אָנגענומען אַלץ פאַר מיר צו טאָן. אָבער גראָד האָט זיך באַלד דעם טאָג מיט אים געטראָפן אַן אומגליק: ער איז אַריינגעפאַלן עפּעס אין אַן אַפערע, און מען האָט ביי אים קאָנפיסקירט אַ גרויסע פּאַרטיע מיט מעל.

איך האָב זיך געווענדעט צום ד"ר ק אַ צ ע נ ע ל ס אָ ן, אַ שטענדיקן חשובן פּסקאָווער איינוואוינער. אָבער ניט ער, ניט זיין ברודער, דער אַדוואָקאַט, האָבן אין אַזוינע ניט כשרע זאַכן וואָס ס'איז געקענט העלפן. זיי האָבן מיר מערניט שווער געמאַכט דאָס האַרץ, האַלטנדיק מיין גאַנצן פּלאַן צו פאָרן אין פעטערבורג פאַר אַ כימערע. ס'איז מיר געבליבן זיך ווייטער צו ווענדן צו די „סוחרים".

האָט זיך טאַקע געפונען אַ ליבער מאַן ל ע וו., וואָס האָט געהאַט די ערלויבעניש צו פאָרן אין פעטערבורג פאַר 2 פּערזאָן און האָט זיך געקליבן מאָרגן אַהין צו פאָרן. ער איז מסכים געווען מיך מיטצונעמען, און איך בין ווייטער געוואָרן פריילעך.

פּסקאָוו איז דעמאָלט געווען דער לעצטער פּונקט פון דער דייטשער אָקופּאַציע לויטן בריסקער שלום. אויף די פאָרשטעט איז געווען די גרעניץ. דאָרטן איז אין עטלעכע פּונקטן געשטאַנען די דייטשע וואַך און קיינעם אָן אַן ערלויבעניש ניט דורכגעלאָזן. ווייטער האָט זיך שוין אָנגעהויבן דער נ יי ט ־ ר אַ ל ע ר פּ אַ ס אויף אַ שטח פון 18 וויאָרסט ביז דער סטאַנציע ט אָ ר אָ ש י נ אָ, וואָס האָט שוין געהערט צו רוסלאַנד (ר. ס. פ. ס. ר.).

די שטאָט גופא איז געווען שטאַרק פאַרלאָזן און וויסט. אַלע הויפּט־בנינים זיינען געווען פאַרנומען מיט דייטשע אינסטיטוציעס און מיליטערישע באַאַמטע. זייער פיל זיינען אויך געווען געוועזענע רוסישע אָפיצירן, וואָס זיינען געלאָפן פון די באָלשעוויקעס און דאָ זיך פאַרנומען מיט האַנדל: געהאַלטן קראָמען, רעסטאָראַציעס און קאָוויאַרנעס.

אויף מאָרגן זיינען מיר צוזאַמען מיט ל ע וו. אויף זיין אייגענעם פערד מיטן גאַנצן געפּעק צוגעפאָרן צו איינעם פון די גרעניץ־פּונקטן. לעוו. האָט געוויזן זיינע פּאַפּירן, אים האָט מען דורכגעלאָזן און מיך... אָ ב ע ר נ י ט. שלעכט. וואו טוט מען זיך אַהין מיט מיינע טשעמאָדאַנעס?

דאַן זיינען מיר געפאַלן אויף אַן המצאה: זיך פּרובירן אויף אַן אַנדער גרעניץ. מיר האָבן פאַרקעשעוועט די אַגלאָבלעס, אַרומגעפאָרן די שטאָט און צוגעפאָרן צו אַן אַנדער גרעניץ־וואַך. דאָ האָב איך באַשלאָסן צו גיין דער ערשטער. איך האָב אָפנהערציק ערקלערט דעם לייטענאַנט, אַז איך מוז אויף אַ קורצער צייט זיך זען מיט מיין פאַמיליע, וואָס געפינט זיך אויף יענער זייט גרעניץ און מיט וועלכער איך האָב זיך ניט געזען 3 יאָר, און בעט אים מיך דורכלאָזן. דער לייטענאַנט האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ גוטן מענטשן, אַליין מיט אַקאַדעמישער בילדונג. די מלחמה האָט אים מסתמא שוין גוט אויך דערעסן. ער האָט אַרומגעקוקט די פּאַפּירן פון לעוו., געזען, אַז דער האָט די ערלויבעניש פאַר 2 פּערזאָן און האָט אַליין פאָרגעלייגט, אַז לעוו. זאָל מיך נעמען, ווי אַ צווייטע פּערזאָן. אַזוי זיינען מיר בשלום דורכגעפאָרן דעם גרעניץ (קיין שום שטעמפּלען האָט מען ניט געשטעלט); אין אַ מינוט אַרום זיינען מיר שוין געווען אויפן נייטראַלן פּאַס און געפאָרן פראַנק און פריי, אָן שום האַר און באַלעבאָס אויף זיך. מען האָט געקענט דאָ הרגענען אַ מענטשן, און קיינער וואָלט זיך ניט אָנגענומען — לית דין ולא דין.

אין אַ פּאָר שעה אַרום זיינען מיר אָנגעקומען אין ט אָ ר אָ ש י נ אָ. ס'איז געווען אַ שיינער וואַרעמער מאַי־אָוונט. דער גאַנצער גרויסער פּלאַץ

אַרום וואָקזאַל האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ וואַנדער־לאַגער. דאָ און דאָרטן זײַנען געזעסן אויפן גראָז גרופעס פון מענטשן מיט קינדער און מיט בעבעכעס און געוואַרט אויף אַן ערלויבניש צו פאָרן ווייטער. דאָס רוב אָבער זײַנען דאָס געווען פויערים און פויערטעס מיט זעק (מיעשאָטשניקי), וואָס האָבן געפירט פראָדוקטן פאַר זיך אָדער צום פאַרקויפן. אַרום האָבן געהערשט באָלשעוויסטישע באַאַמטע פון די פאַרשיידענע קאָמיטעטן מיט נײַע משונהדיקע פאַרן ניט געוויינטן אויער נעמען.

מיר האָבן אָפגעגעסן ערגיצוואו אין אַ ווינקעלע פון די רײַכע זאַפאַסן פון עסנוואַרג, וואָס לעוו. האָט געהאַט מיט זיך, באַהאַלטן פון אַ פרעמדן אויג, כדי — ווי ער האָט מיר ערקלערט — ניט אַרויסצורופן קיין קנאה בײַ דעם אַרומיקן הונגעריקן עולם.

לעוו. איז אין טאָראָשינאָ געווען גוט באַקאַנט מיט „נאַטשאַלסטוואָ“, און מיר האָבן גיך באַקומען אַן אָרט אין אַ וואַגאָן פון ערשטן קלאַס, אַן אָפגעריסענעם, אָפגעפליקטן מיט ניט אומעטום גאַנצע שויבן. מיר איז געווען אַלץ איינס: איך האָב אויסגעפירט, איך פאָר קיין פעטערבורג, וואָס רופט זיך שוין לעני נגראַד.

דער צוג האָט זיך אויף יעדער סטאַנציע אָפגעשטעלט. אין די וואַגאָנעס האָבן זיך געריסן די „מיעשאָטשניקעס“. מען טרײַבט זיי, מען שיסט מיט פוסטע פאַטראָנעס, זיי צו דערשרעקן. ס'העלפט אָבער גאָרניט, זיי שפאַרן זיך און זעצן זיך כאָטש אויף די טרעפלעך מיט סכנות נפשות. מער ניט מיר זײַנען די גליקלעכע, פאָרן אין אַ גערוימען וואַגאָן. די נאַכט איז אַ ליכטיקע, פון די פעטערבורגער ווײַסע נעכט. ס'ווילט זיך גאָר ניט שלאָפן, די האַרץ איז פול מיט שמחה און מיט נײַע אינטערעסאַנטע אײַנדרוקן.

5 אינדערפרי (נאָך דער נײַער רוסישער צײַט איז דאָס שוין געווען 7) זײַנען מיר אָנגעקומען אין לעני נגראַד. פאַרבײַגעפאָרן גאַטשינאַ, די אַמאָליקע רעזידענץ פון אַלעקסאַנדער דעם דריטן, וועגן וועמען מען פלעגט זיך וויצלען, אַז ער האָט אויך מורא צו קומען אין פעטערבורג, ווי אַ פשוטער ייד פון „טשערטאַ“. אָבער אַנדערע צײַטן; דער פאַלאַץ איז פאַרלאָזן, ניטאָ דער אַמאָליקער לוקסוס. טראָצקי קיניגט אין קרעמל, און ניקאָלײַ דער צווייטער איז שוין אויף דער וועלט ניטאָ.

דער וואָקזאַל אין פעטערבורג איז שמוציק. גאָר אַנדערע מענטשן — דאָס רוב יונגע — אין אַנדערע מלבושים. ערטערווײַז פונדעסטוועגן זעען זיך אַלטע געוועזענע קאָנדוקטאָרן און נאָך באַן־באַאַמטע, וואָס דערמאָנען די אַמאָליקע צײַטן. איך געפין אַן אַרבעטער, וואָס העלפט מיר טראָגן מײַן געפעק. מען מוז פאַרן באַגאַזש באַצאָלן אויפן וואָקזאַל גופא. איך צאָל מיט אַמאָליקע רוסישע („צאַרסקע“) געלט און באַקום רעשטע עפעס מיט פאָסטמאַרקעס, געדרוקט אויף גרעבערן פאַפיר.

אַלץ האָב איך שוין אָפגעפטרט. איצט מוז איך באַקלערן, ווי קום איך צו מײַן פאַמיליע, וועלכע האָט גאָר קיין אָנונג ניט, אַז איך בין שוין אַזוי נאָענט צו איר. טעלעגראַפירן איז דאָך גאָר קיין מעגלעכקייט ניט געווען. איך גיי אַרויס אויפן גאַס און פרוב זיך פרעגן, וויפיל וועט נעמען אַ דראָזשקע אויף זאַיאַטשי פערעאולאָק, ניט ווײַט פון ניקאָלאַיעווער וואָקזאַל. מען בעט 60—80 רובל! פאַר מײַנע פריערדיקע באַגריפן איז דאָס געווען אַן אומגעהײַער גרויסע סומע. פאַר דעם געלט האָט אַמאָל אין רוסלאַנד געקענט באַלעבאַטיש לעבן אַ גאַנצע פאַמיליע.

נאָר אַז ס'גליקט, גליקט אין אַלץ. גראָד איז געשטאַנען אַ קלײַנער אַוטאָמאָביל פון רויטן קרייץ, און דער שאָפער האָט מיר פאַרגעלייגט צו פירן פאַר 25 רובל. אין אַ האַלב שעה אַרום האָב איך שוין געקלונגען אין הויז פון מײַן פאַמיליע, וואָס האָט גאָרניט געחלומט וועגן מײַן קומען.

דאָ איז ניט דער אָרט צו באַשרײַבן מײַנע אינעווייניקסטע איבערלעבונגען. די קלענערע קינדער זײַנען שוין אויסגעוואַקסן, די עלטערע טאָכטער איז מיט מזל געוואָרן אַ כלה. דאָס געהערט אָבער ניט צום ענין, מײַנע זכרונות זײַנען שוין אַזוי אויך צו לאַנג און האָבן מיר פאַרפירט ווײַט פון דער טעמע. ס'וואָלט יאָ געלוינט אפשר צו באַשרײַבן גענויער מײַנע אײַנדרוקן פון לעני נגראַד און מאָסקווע, ווי זיי האָבן אויסגעזען דאָמאָלסט, אין מאַי 1918 — אָבער אויך דאָס וואָלט מיך ווײַט פאַרפירט.

ס'איז גענוג צו זאָגן, אַז פאַר אַ מענטשן, וואָס האָט ניט איבערגעלעבט די רוסישע רעוואָלוציע פון פעברואַר 1917 און אויך די אָקטאָבער־רעוואָלוציע, און איז מיט אַמאָל אַרײַנגעפאַלן אין נײַעם רוסלאַנד, נאָך לעבנדיק מיט די פריערדיקע באַגריפן פון דער צאַרישער רוסלאַנד — איז דער איבערגאַנג געווען אַ משונהדיקער, פשוט ווי אַ חלום.

מען דאַרף צוגעבן, אַז אין מאַי 1918 איז נאָך דער באָלשעוויסטישער רעזשים ניט געווען אַזוי אומברחמנותדיק, ווי ער איז געוואָרן שפעטער. די גרויסע געשעפטן זײַנען, אמת, געווען פאַרמאַכט, אָבער די קלײַנע זײַנען נאָך געווען אָפן, פריוואַטער האַנדל האָט נאָך עקסיסטירט. די גאַסן זײַנען געווען פול. דאָ און דאָרטן אויף די פלעצער פלעגן פאָרקומען פרײַע פאַרזאַמלונגען. משונהדיק פאַר מיר האָבן אויסגעזען די זעלנער מיט ביקסן און קלײַנע רויטע פאָנעס אויף די באַגנעטן. דאָס פאָרן אין די טראַמווייען איז געווען אומזיסט, און אויף די גאַסן פלעגן שטיין רייען מענטשן, וואָס האָבן געוואַרט אויף אַן אָרט. אויך אויף די אָרטיקע צוגן אַרום פעטערבורג — אַ מין משא־וואַגאָנען — פלעגט מען קענען פאָרן אומזיסט. אָבער אין אַ פאַר טעג אַרום האָט מען שוין געמוזט צאָלן באַנגעלט, און צווישן די פויערטעס מיט די זעק פלעגן אויף דעם געביט פאָרקומען גרויסע קאָנפליקטן, מיט אַרעסטן און קאָנפיסקאַציע פון די סחורות.

איך האָב גראָד בײַגעווען די אימפאָזאַנטע לוויה פון פלעכאַנאָוו. הגם ער איז געווען אַ קעגנער פון די באָלשעוויקעס, האָט דער גאַנצער צוג, וואָס האָט זיך געצויגן אויף אַ האַלבן ווייאָרסט די לענג, מיט קרענץ, רויטע בענדער און אַמאָל שטרענג־פאַרבאָטענע רעוואָלוציאָנערע לידער—געמאַכט אַ קאָלאָסאַלן אײַנדרוק.

די יידישע געזעלשאַפטן זײַנען נאָך ניט געווען פאַרווערט. איך בין געווען אויף דער זיצונג פון דער פעטערבורגער קהילה מיט דובנאָוון בראש. איך האָב געהאַלטן אַ רעפעראַט וועגן ווילנע אין זאַל פון דער סינאַגאָגע אין מאָסקווע אונטערן פאָרזיץ פון ראַבינער נוראָק. אויך „יעקאָפאָ“, „אָרט“, „אָזע“ האָבן נאָך ביסלעכווייז געאַרבעט, און ס'האָט נאָך געשלאָגן דער דופק פון דער פריערדיקער טעטיקייט.

אין פעטערבורג און אין מאָסקווע האָט מען אויף מיר געקוקט, ווי אויף אַ מענטשן, וואָס האָט זיך אַרויסגעריסן פון יענער וועלט. די אָרטיקע געזעלשאַפטלעכע טוער, דער עיקר מײַנע ווילנער לאַנדסלײַט, האָבן מיט גרויס אינטערעס געהערט מײַנע דערציילונגען וועגן דער דײַטשער אָקופאַציע. אַלע האָבן זיך געריסן אַהיים, און די פראַגע וועגן רעעוואַקואַציע איז געשטאַנען דאָמאָלסט בײַ אַלע נאַציאָנאַליטעטן (פאָלאַקן, יידן, ליטווינער, לעטן א. א.) אין דער גאַנצער ברייט און ערנסטקייט.

זייענדיק אין פעטערבורג, האָב איך באַקומען אַ ביסל געלט פאַר ווילנע פון „יעקאָפּאָ", „אָרט" און „אָזע", און פון דאַן אָן קען מען רעכענען די התחלה פון די דאָזיקע געזעלשאַפטן אין ווילנע.

נאָך איידער איך וועל איבערגיין צום אָנהויב פון דער אַרבעט פון ווילנער „יעקאָפּאָ", וויל איך נאָך דערציילן — האַלטנדיק זיך אָן דעם כראָנאָלאָגישן סדר — ווי איך בין געקומען צוריק אַהיים אין ווילנע.

מיין „אויסווייז" פון ווילנע ביז טורמאָנט, וואָס איך האָב באַקומען פון דער דייטשער מאַכט, האָט געהאַט אַ טערמין פון 28 טעג. צו דעם טאָג האָב איך שוין געמוזט זיין צוריק. אין ווילנע האָב איך — ד ע ר ע ר ש ט ע ר — באַקומען פון דער דייטשער ציוויל-פאַרוואַלטונג אַ פאָרמעלע ערלויבעניש (מיט פאָטאָגראַפיעס) פאַר מיין פרוי און קינדער זיך אומצוקערן קיין ווילנע. דאָס האָט געהאַט די קראַפט פון אַ פּאַס. איך אָבער — ווי אַזאַ, וואָס וואוינט שוין אין ווילנע — האָב די דאָזיקע ערלויבניש ניט געהאַט. געפאָרן מיט מיר זיינען דערווייל מיינע עלטערע צוויי קינדער — טאָכטער און זון.

אַפריער האָבן מיר געדאַרפט באַקומען אַן ערלויבניש פון דעם הויז-קאָמיטעט אין פעטערבורג אויף אַרויסצופאָרן. דערביי האָבן מיר געדאַרפט אָפּגעבן אונזערע ברויט-קאַרטן. נאָך אַ ריי אַנדערע פאָרמאַליטעטן האָבן מיר שוין געקענט אַרויספאָרן, און אויף מאָרגן זיינען מיר שוין געווען אין טאָראָשינאָ. דאָ האָבן זיך אָנגעהויבן פאַר מיר אַ ריי שטערענישן.

ערשטנס, האָט מען געדאַרפט אויסמיידן די ר ו ס י ש ע  ו ו אַ ך, וועלכע פלעגט שטרענג אַלעמען אונטערזוכן און ניט לאָזן אַרויספירן קיין געלט און קאָסטבאַרע חפצים. דערביי האָט מען דערציילט כלערליי מעשיות, ווי די רעעמיגראַנטן פלעגן באַהאַלטן געלט און בריליאַנטן (שפּעטער — אַ יאָר 3 נאָכאַנאַנד — פלעגן אַלע פאָרן אין עשאַלאָנען חדשים-ווייז אין די באַרימטע „טעפּלושקעס"). מען פלעגט שלינגען בריליאַנטן, באַהאַלטן געלד אין איינגעמאַכץ, באַהאַלטן אין די פאַרבאָרגנסטע טיילן פון קערפּער. איינע אַ פרוי האָט געהאַט מיט זיך אַ ק אַ ץ, וואָס ביי איר אונטער דער הויט זיינען פאַרנייט געוואָרן זייער קאָסטבאַרע בריליאַנטן. אַלץ איז געגאַנגען כשורה, אָבער אויפן גרעניץ איז די קאַץ אַנטלאָפן. די פרוי איז געווען גענייטיקט צו אַנטדעקן איר סוד, און אַ מחנה גרעניץ-וואַך האָט זיך געלאָזן אָניאָגן דאָס קעצל.

אונז האָט אַ פורמאַן געפירט אַזוי קונציק, אַז מיר האָבן אויסגעמידן די רוסישע גרעניץ-וואַך און זיינען געקומען ניט געשטערט צו דער דייטשער גרעניץ אין פּ ס ק אָ ו ו. דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אונז לאָזט מען ניט דורך אָן אַ ספּעציעלער ערלויבעניש פון דעם פּאַס-אַמט אין פּסקאָוו. מיר זיינען געבליבן נעכטיקן אויף דער זייט גרעניץ ביי אַ רוסישן פורמאַן, און אויף מאָרגן פרי האָב איך געבעטן די וואַך מיך אַרויסלאָזן אַליין אָן זאַכן, כדי זיך משתדל זיין ביים פּאַס-אַמט וועגן אַ דורכלאָז-שיין. דער פּאַס-אַמט האָט אָבער אונז קיין ערלויבעניש ניט געוואָלט אַרויסגעבן, און קיינע פון מיינע באַקאַנטע האָבן מיר ניט געקענט העלפן. ענדלעך האָט מען מיר אָנגעוויזן אויף אַ יידישער שטוב, וואו ס'פלעגן איינגיין דייטשע סאָלדאַטן. דאָרטן האָבן זיך געפונען 2 יונגע דייטשלעך, וואָס האָבן זיך גענומען פאַר 40 רובל „קערענקעס" מיך און מיינע קינדער און מיין געפּעק אַריבערצופירן איבער די גרעניץ — 4 אַ זייגער ביי טאָג, ווען ס'בייט זיך די וואַך און דער אָפיצער גייט אַוועק. זיי האָבן מיר אָנגעזאָגט, אַז אויף יענער זייט זאָל שוין שטיין אָנגעגרייט אַ דראָזשקע מיט די זאַכן, די קינדער זאָלן שטיין דאָ ניט ווייט, און איך זאָל זיצן ביי דער גרעניץ אויף דער באַנק, גאָרניט מאַכנדיק זיך וויסן, אַז איך האָב וועלכע ס'איז שייכות צו דער גאַנצער זאַך.

איך האָב אַלץ געטאָן, ווי מען האָט מיר געזאָגט, און געזעסן כלומרשט רויִק, זייענדיק אין גרויס ספק, צי די גאַנצע ריזיקאַלישע אַפּערע וועט זיך איינגעבן.

אין דער אָפּגערעדטער שעה איז איינער פון די זעלנער אַריין דורך דער גרעניץ צו אונז אויף דער זייט, גענומען אונטערן האַנט מיין טאָכטער און כלומרשט שפּאַצירנדיק, זי דורכגעפירט דורך די אַרומיקע גערטנער אינמיטן שטאָט אַריין. דערנאָך האָט ער דאָס-זעלבע געטאָן מיט מיין זון. דערווייל איז דער אַנדערער זעלנער אויך אַדורך די גרעניץ, זיך געזעצט אויף דער דראָזשקע מיט מיינע זאַכן, אַ שמיץ געטאָן דעם פערד און דורכגעפאָרן פאַרביי דער וואַך אין שטאָט אַריין. איך האָב געקוקט ווי אויף אַ מין קינאָ-פאָרשטעלונג, אָבער מיט אַמאָל האָט איינער פון דער גרעניץ-וואַך אַ געשריי געטאָן: „שיס!", און דער זעלנער אויף דער דראָשקע האָט זיך געמוזט אָפּשטעלן. ער האָט זיך אָבער ניט פאַרלאָרן, צוגעגאַנגען צו איינעם פון די וואַך-זעלנער, עפּעס אים געזאָגט אויפן אויער און האָט זיך ווייטער געזעצט אויף דער דראָזשקע און איז שוין אומגעשטערט אַריינגעפאָרן אין שטאָט.

איצט איז געבליבן מיר אַליין זיך אַריבערפּעקלען אין שטאָט. איך בין זיך גאַנץ גלייכגילטיק צוגעגאַנגען צו דער וואַך און געבעטן מיך אויף אַ ווײַלע לאָזן גיין אין שטאָט אַריין עפּעס קויפן. דער דאָזיקער מאַנעוור איז גוט געלונגען, און אין אַ פּאָר מינוט אַרום בין איך שוין מלא שמחה געזעסן אויף דער דראָזשקע צוזאַמען מיט מיינע קינדער. איך האָב ניט געוואוסט, ווי צו דאַנקען מיינע רעטער. זיי האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר באַלעבאַטישע קינדער, מיר געגעבן זייער אַדרעס אין דייטשלאַנד, און מיר האָבן צוגעזאָגט נאָך דער מלחמה איינע מיט אַנדערע צו קאָרעספּאָנדירן.

איך דערצייל דאָ די אַלע פּרטים, ווייל איך האַלט, אַז זיי כאַראַקטעריזירן אַ ביסל די דאָזיקע עפּאָכע. פון איין זייט איז שוין כמעט אַלץ געווען דעמאָראַליזירט, און פאַר אַ רובל האָט מען אַלעמען געקענט אונטערקויפן. אָבער דאָס אַליין — מיין איך — דערקלערט נאָך ניט אַלץ. ניט קיין קלענערע ראָלע האָט געשפּילט דאָס, וואָס יעדן איינעם פון די דייטשע מיליטערלייט איז שוין נמאס געוואָרן די מלחמה מיט איר גרויזאַמקייטן און ניט איינער פון זיי האָט זיך אינעווייניק מיט שנאה באַצויגן צו דעם גאַנצן מיליטערישן רעזשים. לייענדיק ניט לאַנג דאָס באַרימטע ר ע מ אַ ר ק ס בוך „אויפן מערב-פראָנט קיין שום נייס", איז די זאַך מיר נאָך קלאָרער געוואָרן.

אין פּסקאָוו האָב איך ווייטער געטראָפן מיין ווילנער באַקאַנטן ר אַ ב. ער האָט שוין ליקווידירט זיין פריערדיקן דורכפאַל, האָט ווידער „געשמוגלט" און איז ווידער געווען תקיף. ער האָט — מיט כלערליי שווינדלערייען — באַקומען פאַר מיר און מיינע קינדער פאַלשע דורכלאָז-שיינען און גענומען פאַר אונז באַנבילעטן. אין דער נאַכט אין צוג זיינען מיר ווידער שיר ניט אַריינגעפאַלן, ווייל ס'איז אומדערוואַרט געקומען אַ שטרענגער קאָנטראָלער. אָבער פאַר אַ שנאַפּס מיט גוטן כיבוד האָט די חברה אים איינגעשטילט. אַזוי זיינען מיר געקומען פון פּסקאָוו קיין דענעבורג.

פון דאַנען איז מיט אונז מיטגעפאָרן אַ דייטשער מיליטער-באַאַמטער, וועלכן ראַב. האָט אָנגעבעטן. אין טורמאָנט בין איך שוין ווידער געווען לעגאַל, און

פונקט אויפן 28-טן טאָג בין איך צוריקגעקומען אין ווילנע און געבראַכט מיט זיך מיינע קינדער. די גאַנצע העכסט ריזיקאַלישע נסיעה איז מיר אַלזאָ גוט געלונגען — ניט צוליב מיין בריהשקייט, נאָר פשוט צוליב אַ ריי געפעליקייטן, וועלכע מענטשן האָבן מיר געטאָן. איך דערמאָן זיי דאָ אַלעמען מיט גרויס דאַנקבאַרקייט.

אָבער, אַז איך פרעג זיך ווידער, ווי אַזוי איז דאָס אַלץ געשען, קען איך דאָס דערקלערן דער עיקר מיט דעם, וואָס אָפּנאַרן די מאַכט און אַרומגיין די דאַמאָלדיקע מיליטערישע געזעצן — איז געווען אַ מין ספּאָרט און בראַוואורקייט. מענטשן זיינען געוואָרן הפקר, האָבן ניט איין מאָל געזען דעם טויט אין די אויגן און געוואָרן פאַרגרעבט און פאַרהאַרטעוועט. צווישן די דייטשע מיליטער-לייט זיינען אויך געווען פאַרשיידענע מענטשן אין צוזאַמענהאַנג מיט זייער געוועזענער סביבה און פריערדיקער באַשעפטיקונג. די פּריי־סישע יונקער — ווי מיר האָבן פיל פון זיי געזען אין ווילנע — זיינען געווען אין זייערע מעשים, ווי זיי פלעגן זיך אויסדריקן „ריקזיכטסלאָז", אומברחמנותדיק און נוקמדיק. ד"ר ליכטענשטיין פון וואַרשע—אַ געוועזענער רוסישער מיליטער-דאָקטאָר, וואָס האָט זיך בעת מיין דורכפאָר געפונען אין פּסקאָוו, — האָט מיר שפּעטער דערציילט, אַז דער לייטענאַנט פון פּאַס-אַמט, וואָס האָט מיך ניט געוואָלט דורכלאָזן צוריק פון פּסקאָוו, ווען ער האָט זיך דערוואוסט, אַז איך בין פאָרט דורכגעפאָרן, האָט געפאָדערט פאַר מיר ניט מער און ניט ווייניקער, ווי טויט-שטראָף!

.V

ווילנע איז אין דער אַנדערער העלפט 1918 געוואָרן אַלץ לעבעדיקער. ס'האָבן זיך אָנגעהויבן אומצוקערן פון רוסלאַנד די אַנטלאָפענע און די קריגס-געפאַנגענע. אויך די היימלאָזע פון שטאָט האָבן אָנגעהויבן אָפּצופאָרן. דער יידישער קאָמיטעט האָט שוין ניט געקענט פאַרטיק ווערן מיט דער נייער אַרבעט אויף צו רעגולירן די רעעמיגראַציע און צו העלפן די עמיגראַנטן, ווי ס'איז זיך איינצואָרדענען אויף די פריערדיקע ערטער. פיל פון זיי האָבן זיך אויך גענויטיקט אין שפייז, אין קליידונג; פאַר די קינדער האָט מען געדאַרפט זאָרגן אויך וועגן געהעריקער דערציאונג. ס'האָט זיך אויף אַזאַ אופן געשאַפן די נויטיקייט צו בילדן אַ באַזונדערן קאָמיטעט, וואָס האָט געדאַרפט זאָרגן פאַר די געליטענע פון דער מלחמה — אין ווילנע און דער עיקר אין דער גאַנצער אַרומיקער פּראָווינץ.

אַזוי איז אַנטשטאַנען דער ווילנער געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ". פאַר דער שטאָט האָט ווי ס'איז געזאָלט זאָרגן דער ווילנער קאָמיטעט און דערנאָך די דעמאָקראַטיש-געוויילטע קהילה. די גרויסע געגנט איז אינגאַנצן געלעגן אויף „יעקאָפּאָ". מיט די פאָר טויזנט רובל, וואָס איך האָב געבראַכט פון פּעטערבורג און דורך דער ווייטערדיקער שטיצע, וואָס מיר האָבן פון דאָרטן אַ געוויסע צייט (ביז ס'איז ניט איבערגעריסן געוואָרן די פאַרבינדונג מיט רוסלאַנד) באַקומען, האָבן מיר אָנגעהויבן די אַרבעט.

ס'זיינען געקומען נייע כלל-טוער (ל. יפה, ש. אַנ-סקי א. א.). מיר האָבן געבילדעט אַ ציטווייליקן פּרעזידיום: איך אַלס פאָרזיצער, אַנ-סקי און יפה—וויצע-פאָרזיצערס, מ. שאַליט—סעקרעטאַר.

די אַרבעט פון קאָמיטעט „יעקאָפּאָ" האָט אין די פאַרגאַנגענע לעצטע 10 יאָר געשפּילט אַ זייער גרויסע ראָלע אין דער אויפבויאונג פון די רואינירטע יידישע ישובים און האָט געפונען אַ גרויסע אָנערקענונג ביי דער גאַנצער באַפעלקערונג און אויך ביים אַמעריקאַנער „דזשוינט".

איך פערזענלעך, זייענדיק פאַרנומען מיט פילע אַנדערע ענינים, האָט צום ווייניקסטנס אויפגעטאָן אויף דעם דאָזיקן געביט. אין די לעצטע יאָרן פיגורירר איך מערניט נאָמינעל און בלויז כלפּי חוץ. דעריבער דאַרפן אַלע פאַרדינסטן, וואָס „יעקאָפּאָ" האָט ערוואָרבן, צוגעשריבן ווערן אַנדערע כלל-טוער, דעם גענעראַל-סעקרעטאַר משה שאַליט און זיינע מיטאַרבעטער.

איך וויל דאָ אגב דערמאָנען, אַז דער ווילנער „יעקאָפּאָ" האָט זיך מיט זיין פילזייטיקער אַרבעט געשטעלט, ווי אַ צענטראַלע אינסטיטוציע. אַלס אָפּטיילונג פון פּעטערבורג, האָט ער שוין צוליב דעם אַליין ניט געקענט זיין, ווייל פון רוסלאַנד זיינען מיר גיך געוואָרן אָפּגעריסן, און פּעטערבורג האָט בכלל אויפגעהערט צו ווערן אַלס צענטער פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט. אויך בעת מאָדעל און יעפּראָיקין — די טוער פון פּעטערבורגער „יעקאָפּאָ"— און דערנאָך ל. בראַמסאָן זיינען געקומען צו אונז מיט דעם פאָרשלאַג, מיר זאָלן זיך אָנשליסן אָן אַ נייער יידישער אַלוועלטלעכער צענטראַלע, וואָס דאַרף געבילדעט ווערן אין אויסלאַנד און אַרומנעמען די אַרבעט פון אַלע יידישע געזעלשאַפטן, האָבן מיר אויף דעם ניט געקענט איינגיין, ווייל דאָס וואָלט טאָרמאָזירט אונזער אַרבעט אויף אָן אָרט.

די פאַרשיידענע עטאַפּן פון דער טעטיקייט פון „יעקאָפּאָ" זיינען גענוי באַשריבן אויף די בלעטער פון דעם דאָזיקן בוך. איך וועל זיך אין מיינע זכרונות דאָ מערניט אָפּשטעלן אויף אייניקע עפּיזאָדן און מאָמענטן פון דער אַרבעט אין די ערשטע יאָרן.

די אַרבעט פון אונזער קאָמיטעט, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן ביים סוף פון דער דייטשער אָקופּאַציע (סוף 1918), האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט אויך בעת דעם פאַרנעמען די שטאָט דורך די באָלשעוויקעס (5-טן יאַנואַר 1919), אָבער צום אינטענסיווסטן האָט זי אָנגעהויבן צו גיין בעת דעם ערשטן פאַרנעמען די שטאָט דורך דער פּוילישער מיליטער (19 אַפּריל 1919 *). דאַן איז ווילנע גלייך פאַרבונדן געוואָרן מיט וואַרשע, און דורך איר מיט אַמעריקע, ד. ה. מיט דער הילפס-אַקציע פון „דזשוינט". פיל איז געשריבן געוואָרן וועגן די פעלערן, וואָס דער אַמעריקאַנער „דזשוינט" און זיינע שלוחים האָבן געמאַכט בעת זיין הילפס-אַרבעט אין פּוילן: ווייניק גענומען אין אַכט די אָרטיקע באַדינגונגען און די אָרטיקע יידישע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס; זיין ביוראָקראַטיזם און פאַרשווענדערישע הוצאות אויף דער אייגענער אַדמיניסטראַציע. אָבער דאָס אַלץ האָט געהאַט זיין פאַרענטפערונג. מיט גרויס דאַנקבאַרקייט מוזן דאָ דערמאָנט ווערן די אומגעהייערע נוצן, וואָס די הילף פון „דזשוינט" האָט געבראַכט. דאָס וואָס די אַמעריקאַנער יידן האָבן אויפגעטאָן מיט די קאָלאָסאַלע מיטלען, וואָס זיי פלעגן מנדב זיין אין משך פון די מלחמה- און נאָך מלחמה-יאָרן, איז גאָרניט אָפּצושאַצן. צענדליקער טויזנטער יידישע פאַמיליעס זיינען דורכדעם בוכשטעבלעך געראַטעוועט געוואָרן פון טויט, פון קראַנקייטן, פון עקאָנאָמישן און מאָראַלישן אונטערגאַנג. מיט דאַנקבאַרקייט דאַרפן אויך דערמאָנט ווערן די נעמען פון די פיל אומדערמידלעכע דזשוינט-טוער, פון וועלכע עטלעכע זיינען שוין טויט, ווי דער ניט לאַנג פאַרשטאָרבענער ד"ר באָריס באָגען.

*) אַלס געגנט-קאָמיטעט איז „יעקאָפּאָ" אין ווילנע אָרגאַניזירט געוואָרן אויף דער זיצונג פון 16-טן פעברואַר 1919.
רעד.

אויך פוילן בכלל, די תחית־המתים אויפגעשטאַנענע מלוכה, האָט זייער פיל גענאָסן פון דער אַמעריקאַנער הילף און פונם „דזשוינט“ באַזונדערס. די מיליאָנען דאָלאַרן, וואָס פלעגן אַריינקומען אין פוילן — סיי דורך פריוואַטע פערזאָנען צו די קרובים, סיי פאַר די געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס — האָבן באַרייכערט די מלוכהשע באַנק און געשטאַרקט די פינאַנצן פון לאַנד. די טויזנטער וואַגאָנעס מיט שפייז — ווייצענע מעל, צוקער, קאַקאַאָ, קאָנדענסירטע מילך א. ד. גל. — האָבן אונטערגעהאַלטן דאָס לעבן פון דער פילמיליאָניקער פאַרהונגערטער באַפעלקערונג פון לאַנד. די טויזנטער וואַגאָנעס מיט קליידונג, וועש, מעדיקאַמענטן און מעדיצינישע מכשירים האָבן געראַטעוועט פון קראַנקייטן צענדליקער טויזנטער מענטשן. אַן אומשטערבלעכן פאַרדינסט האָט אין דעם געהאַט דער געוועזענער שפייז־דיקטאַטאָר און איצטיקער פרעזידענט פון די אַמעריקאַנער פאַראייניקטע שטאַטן הובער. ניט אומזיסט פייערט נאָך עד היום אַלע יאָר גאַנץ פוילן דעם טאָג פון דער אַנטשטייאונג פון דער גרויסער אַמעריקאַנער רעפובליק!

אַ באַזונדערס אינטענסיווע און וואוילטעטיקע אַרבעט האָט געפירט חוץ דעם דזשוינט אויך דער אַמעריקאַנער קאָמיטעט פון קינדערהילף (א. ק. פ. ד.) און דער אַמעריקאַנער רויטער קרייץ. דער קאַ—פע—דע האָט יאָרנלאַנג געשיקט קיין פוילן גוואַלטיק גרויסע סכומען פון שפייז און אַלערליי וועש און קליידונג פאַר אַלע קינדער, אָן אויסנאַם פון נאַציאָנאַליטעט, און אָרגאַניזירט אויך אָרטיקע קאָמיטעטן אין אַלע גרעסערע און קלענערע שטעט און שטעטלעך. דאָ איז די יידישע פאַרשטייער אויסגעקומען, ס'פאַרשטייט זיך, צו קעמפן פאַר דעם, אַז מיר זאָלן האָבן אַ גענוגע רעפרעזענטאַנץ אין די דאָזיקע קאָמיטעטן, און אַז די יידישע באַפעלקערונג זאָל ניט באַעוולט ווערן. אויב די גרעסערע שטעט האָבן געהאַט גענוג איינפלוסרייכע יידישע פאַרשטייער, וואָס האָבן געקענט קעמפן פאַר זייער גלייכבאַרעכטיקונג אין דעם פרט, האָט די דאָזיקע ראָלע אין דער פראָווינץ גענומען אויף זיך „יעקאָפאָ“ און פלעגט טאַקע באַקומען גרויסע סכומען פון אַלערליי פראָדוקטן, מעדיקאַמענטן און וועש. די סקלאַדן פון „יעקאָפאָ“ זיינען געווען די רייכסטע און האָבן יאָרנלאַנג געדינט מיט זייערע זאַפאַסן פאַר דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג — אויך אין אַן עת צרה,



בעת די הילף פון אַמעריקע פלעגט זיך צוליב פאָליטישע (מיליטערישע) סיבות אָפשטעלן.

מען האָט דערציילט, אַז כּדי צו קענען פריי אַרבעטן אין פוילן, האָט דער „דזשוינט“ געמוזט טאַקע גרויסע (און ניט קיין קליינע) סומעס פאַרווענדן אויך פאַר דער קריסטלעכער פוילישער באַפעלקערונג — הן דירעקט אין פאָרם פון געלט, הן אומדירעקט, אין פאָרם פון זאַכן. איך געדענק אויך, אַז דער „דזשוינט“ פלעגט שיקן זיינע אייגענע אויטאָמאָבילן אויפן פראָנט, כּדי צו פאַרטיילן צווישן דער פוילישער מיליטער פראָדוקטן, וועש און מעדיקאַמענטן. די אויטאָמאָבילן האָבן געזאָלט האָבן דייטלעכע אויפשריפטן, פון וועלכע מען זאָל קענען זען, אַז דאָס שיקט דער יידישער פאַרטיילונגס־קאָמיטעט פון אַמעריקע. מיט דעם האָט מען געמיינט צו פאַרשוואַכן די פיינדלעכע באַציאונג מצד דער פוילישער מיליטער צו דער יידישער באַפעלקערונג. ס'האָט זיך אָבער געפונען אַזאַ חכם צווישן די שילוחים פון „דזשוינט“, וואָס האָט גראָד די אויפשריפטן פאַרמעקט!

דאָס אַריבערפירן די אַמעריקאַנער פראָדוקטן אין די שטעטלעך איז די ערשטע צייט פון דער פוילישער הערשאַפט (1919) ניט געווען אַלע מאָל פון די לייכטע זאַכן. איינמאָל בין איך צוזאַמען מיט איינעם פון די באַפולמעכטיקטע פון „יעקאָפאָ“ ה' י. וואָלק געפאָרן אויף דעם „דזשוינטס“ אַ קליינעם פערד קיין פאָדבראָדז און אין סוועציאַן מיט פראָדוקטן. מיר האָבן פאַרטיילט די פראָדוקטן און זיך רואיק מיט דעם זעלבן וועג געפאָרן צוריק. מיט אַמאָל זיינען מיר אין פאָדבראָדז פאַרהאַלטן געוואָרן דורך דעם קאָמענדאַנט, מען האָט אונז אונטערזוכט און געמאָלדן, אַז מיר זיינען אַרעסטירט. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז פון פאָדבראָדז קיין סוועציאַן טאָר מען דורך דעם וועג ניט פאָרן; דאָס איז נאָך מלחמה־פראָנט, און דאָס אַריבערגיין די גרעניץ שמעקט מיט טויטשטראָף. ס'האָט נ׳ט געהאָלפן מיין השתדלות ביים גענעראַל (דוכט זיך, שעפטיצקי), וואָס האָט דאָ ניט ווייט געוואוינט אין זיין הויפט־קוואַרטיר, און די דערקלערונג וועגן דעם ציל פון מיין רייזע. דאָס איינציקע, וואָס ס'איז מיר געלונגען צו פועלן איז געווען, מען זאָל מיר לאָזן פאָרן מיט אַ זשאַנדאַרם קיין ווילנע, וואו מען קען מיר. אין ווילנע האָט זיך טאַקע די זאַך אויפגעקלערט, און מיר זיינען אין אָוונט פריי געלאָזן געוואָרן. פאַר די צייטונגס־רעפאָרטערן איז דאָס אָבער



דערווייל געווען אַ טעמע פאַר סענסאַציעס. מען האָט גלייך טעלעגראַפירט אין די וואַרשעווער צייטונגען, ס'האָט זיך באַקומען אַ טעלעגראַם פון ד"ר באָגען אין נאָמען פון „דזשוינט“, אין וועלכן ער בעט מיך באַפרייען, א. אַז. וו.

בעת די באָלשעוויקעס האָבן אין יולי 1920 ווידער פאַרנומען ווילנע און אין שטאָט און פראָווינץ האָבן געפעלט פראָדוקטן, זיינען די אַמעריקאַנער זאַפאַסן פון „יעקאָפאָ“ זייער צוניץ געקומען פאַר דער נויטבאַדערפטיקער באַפעלקערונג, ביז וואַנען מיר זיינען ווייטער פאַרבונדן געוואָרן מיט וואַרשע. אויך איז „יעקאָפאָ“ אַריין אין פאַרבינדונג מיטן „ליטקרעסט“ און זייער ענערגיש געאַרבעט אויפן געביט פון רעעוואַקואַציע. נאָך פרוכטבאַרער איז געגאַנגען די אַרבעט, ווען די ליטווינער האָבן פאַרביטן די באָלשעוויקעס און האָבן פאַרנומען די „הויפטשטאָט פון ליטע“.

אַ סיסטעמאַטישע טעטיקייט האָט זיך אָנגעהייבן אין די צייטן פון „מיטל־ליטע“, וואָס איז צייטווייליק געשאַפן געוואָרן דורך דעם גענעראַל זשעליגאָווסקי. ווילנע האָט ווידער באַקומען די מעגלעכקייט זיך קאָמוניקירן מיט וואַרשע (הגם מיט גרויסע שוועריקייטן), און ס'האָט זיך ווייטער אָנגעהייבן די הילף פון קאַ—פע—דע, וואָס איז געוועסט איבערגעריסן געוואָרן (יולי—אָקטאָבער). צוזאַמען מיט אַ ליטווישן קסיאָנדז זאַיאָנטשקאָווסקי און אַ פאָליאַק אַלעקסאַנדראָוויטש בין איך געפאָרן אין אַ דעלעגאַציע פון ווילנע קיין וואַרשע און געפועלט, אַז דער אַמעריקאַנער רויטער קרייץ און קינדער־קאָמיטעט זאָלן ווידער ביי אונז אָנהייבן צו אַרבעטן. די נסיעה איז געווען ניט קיין לייכטע. מיר זיינען געפאָרן מער ווי 24 שעה. ביז לידע (די גרעניץ פון „מיטל־ליטע“) זיינען מיר געפאָרן אין אַ משא־וואָגן. פון דאָרטן האָט מען געדאַרפט באַקומען אַ נייע ערלויבעניש, ווי פון כּלומרשט אַן אַנדער מלוכה. די וואַגאָנעס זיינען געווען מיט צעבראָכענע שויבן און פול מיט מיליטער.

צוריק האָב איך דאַמאָלס געפירט אַ גאַנצן טשעמאָדאַן מיט פוילישע געלט (אין 100 און 500 פוילישע מאַרק), וואָס איך האָב באַקומען אין וואַרשע פאַר די רעאַליזירטע דייטשע מאַרקן, וואָס דער אַמעריקאַנער דעלעגאַט בירוש האָט געבראַכט פאַר די ווילנער קרובים. די דאָלאַרן האָט בירוש געביטן אין קאָוונע און באַקומען דערפאַר טשעקן פון אָרטיקן יידישן באַנק.

אין ווילנע האָט מען זיי אויף קיין פאַל ניט געקענט בייטן. אָבער אויך דער וואַרשעווער באַנקיר האָט ביי דער דאָזיקער טראַנזאַקציע אַ שיין ביסל געלט פאַרדינט.

---

איך מוז ענדיקן מיינע זכרונות, וועלכע דאַרפן זיין בלויז אַ קליינע אילוסטראַציע צו די ערנסטע באַריכטן, וואָס ס'זיינען אין דעם בוך נעגעבן. נאָר אויב איך האָב שוין דאָ דערמאָנט וועגן בייטן געלט, וויל איך וועגן דער דאָזיקער פראַגע זאָגן נאָך אַ פּאָר ווערטער.

דאָס איז געווען אַן אמתע פּלאָג פאַר דער אָרימער, ליידנדער באַפעלקערונג און אַן עסק פאַר שווינדלער און גע־ווויסנלאָזע מענטשן, וואָס האָבן אויסגענוצט די עת צרה אויף צו פאַרדינען און זיך צו מאַכן גרויסע קאַפּיטאַלן. ס'פאַרשטייט זיך, אַז די עיקר־סיבה איז דאָ געווען דער פּאָליטישער מצב אין אייראָפּע, די צייט פון אינפלאַציע.

אפריער האָבן די לאַגע אויסגענוצט אייניקע פּעטערבורגער יידן. די פּעטערבורגער קאָמיטעטן „יעקאָפּאָ“, „אָזע“ און „אָרט“, וואָס האָבן אונז אין אָנהויב (סוף 1918 און אָנהויב 1919) געשטיצט מיט געלט, האָבן אייגנטלעך ביי זיך קיין מזומנים ניט געהאַט, נאָר זיי האָבן באַקומען אַ צוזאָג פון „דזשוינט“ אין אויסלאַנד, אַז זיי מעגן לייען אין רוסלאַנד געלט, און ער, דער „דזשוינט“, וועט די התחיבות רעאַליזירן אין וואַלוטע. אויף דעם סמך האָט דער פּעטערבורגער קאָמיטעט פון „יעקאָפּאָ“ געליען געלט ביי געוויסע פּערזאָנען (ווי־פיל איז מיר ניט באַקאַנט), ס'פאַרשטייט זיך, אין רוסישע געלט. איך געדענק, אַז מען האָט דאָס געלט געצאָלט בערך 7—8 רובל „דומסקע“ פאַר אַ דאָלאַר. ס'איז באַקאַנט, וואָס פאַר אַ ווערט ס'האָט באַלד נאָכדעם געהאַט דאָס רוסיש געלט, בעת שפּעטער האָבן די דערמאָנטע פּערזאָנען באַקומען אין אויסלאַנד פאַר דאָס געליענע רוסישע אָנטווערטעטע געלט גאַנץ שיינע סומעס אין וואַלוטע.

אָנהויב 1919 האָבן זיך צו אונז אין ווילנע אויך געווענדעט פאַרשיידענע פאַרשוינען און פאַרגעלייגט אַזאַ קאָמבינאַציע, בתוכם דער צייטווייליקער קאָלעגיע פון דער קהילה. אָבער מיר האָבן זיך פון דער דאָזיקער טובה אָפּגעזאָגט.

אין פּוילן אין 1919 און שפּעטער איז געווען דער קורס פון דאָלאַר פון 20 ביז 3—4 הונדערט (און נאָך מערער) פּוילישע מאַרקן. ווען אַן אַמעריקאַנער פלעגט אַרויסשיקן דורך אַ באַנק דאָלאַרן פאַר זיינעם אַ קרוב, פלעגט ער באַרעכענען דעם קורס אין פּוילישע מאַרקן אַזוי, ווי ער איז געשטאַנען אינם טאָג פונם אַרויסשיקן. בעת דער קרוב פלעגט אָבער דאָס געלט באַקומען, פלעגט שוין דער קורס פון דאָלאַר זיין צענדליקער מאָל העכער, און באַקומען פלעגט ער לויט דעם קורס פון פריער. ס'פאַרשטייט זיך, אַז די געוויסנלאָזע באַנקירן פלעגן זען, וואָס שפּעטער אָפּצוגעבן דאָס געלט און וואָס מערער אויף דעם צו פאַרדינען.

אויך דער „דזשוינט“ פלעגט דאָס געלט אַרויסגעבן די אינסטיטוציעס ניט אין דאָלאַרן, נאָר אין פּוילישע מאַרקן. אין דאָס רוב פאַלן האָט די פּוילישע רע־גירונג — צוליב איר אייגענע פינאַנציעלע אינטערעסן — אַליין געפאָדערט, אַז דער „דזשוינט“ זאָל באַקומען פון די בענק זיינע פאָנדן נאָר אין פּוילישע פּאַפּירגעלט.

אַזוי אַרום פלעגן די בענק און אויך פּריוואַטע פּערזאָנען שטאַרק עקספּלאָאַטירן די פרייגיביקייט פון די אַמעריקאַנער יידן. ערשט מיט אַ צייט שפּעטער איז דער געזעלשאַפט „היאַס“ און נאָכדעם דעם „יעקאָפּאָ“ געלונגען צו פּועלן, אַז דאָס געלט, וואָס ווערט געשיקט פון אַמעריקע — צי פאַר פּריוואַטע פּערזאָנען, צי פאַר אינסטיטוציעס — זאָל אַרויסגעגעבן ווערן אין וואַלוטע.

אין די לעצטע יאָרן — בערך פון 1924 — בעת דער פּוילישער גילדן איז געוואָרן סטאַביליזירט (אַ פריער 5.18 און דערנאָך 8.88 זלאָטעס פאַר 1 דאָלאַר) איז דאָס בייטן געלט שוין געוואָרן נאָרמאַליזירט, און קיין מעגלעכקייט צו מיסברויכן אין דעם פּרט איז ניט פאַראַן.

---

צום סוף מוז דאָ פעסטגעשטעלט ווערן, אַז די גאַנצע שטיצע פון אַמע־ריקע — ווי ס'איז צו זען פון דעם גאַנצן בוך — איז אין די לעצטע יאָרן אינגאַנצן איבערגעגאַנגען אויף פּראָדוקטיווע, קאָנסטרוקטיווע הילף. דאָס איז שוין לאַנג געווען די שטרעבונג פון די אָרטיקע כלל־טוער און אויך פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון דער הילפס־אַקציע אין אַמעריקע. „יעקאָפּאָ“ אַרבעט שוין לאַנג אין דער דאָזיקער ריכטונג, און דאָס איז איינע פון די וויכטיקע סיבות, וואָס זיין אַרבעט האָט געפונען די אַלגעמיינע אָנערקענונג.

ס'זיינען פאַרביי 10 יאָר נאָכן סוף פון דער מלחמה. די אַמעריקאַנער וואוילטעטיקייט האָט זייער פיל אויפגעטאָן אויף צו היילן די וואונדן פון דער מלחמה. אָבער דאָס פּוילישע יידנטום לעבט נאָך איבער אַ שווערן עקאָנאָמישן קריזיס. דאָס הענגט בלי ספק אָפּ פון אַ גאַנצער ריי עקאָנאָמישע און פּאָליטישע פאַקטאָרן, וואָס זיי דאָ אַרומצורעדן גייט ניט אַריין אין אונזער טעמע.

ס'פאָדערט זיך אַ ראַדיקאַלער איבערבוי פון דער סאָציאַלער סטרוקטור פון דעם פּוילישן יידנטום, כדי עס צו פאַרהיטן פון אַ פולשטענדיקער פאַופּעריזאַציע און אונטערגאַנג. ס'איז אומבאַדינגט נויטיק צו געפינען נייע פּראָדוקטיווע פּרנסות פאַר דער יידישער באַפעלקערונג אין פּוילן, נייע מעגלעכקייטן צו באַקומען אַרבעט. די פּוילישע יידן מוזן נעמען אַ גרויסן אָנטייל אין לאַנדווירטשאַפט און אין אַלע צווייגן פון קוואַליפיצירטער האַנטווערקעריי. דערצו זיינען נייטיק קאָלאָסאַלע פינאַנציעלע מיטלען, ווי אויך אַ צוזאַמענאַרבעט פון אַלע געזעלשאַפטלעכע כחות.

„יעקאָפּאָ“ מוז פיל מיטהעלפן אויף דעם דאָזיקן געביט.

**ד״ר צ. שאַבאַד.**

אויגוסט, 1929

---

# דער ערשטער האַלבער יאָר

16 פעברואַר — 1 סעפּטעמבער 1919

(באַריכט צו דער ערשטער קאָנפערענץ פון „יעקאָפּאָ“ אין ווילנע)

דער יידישער קאָמיטעט אויף צו העלפן די קרבנות פון מלחמה „יעקאָפּאָ“ — Еврейскій Комитетъ Помощи האָט זיך געגרינדעט אין רוסלאַנד תיכף ווי ס'האָט אויסגעבראָכן די וועלט־מלחמה.

דער מצב וואָס איז אַנטשטאַנען איז צוזאַמענהאַנג מיט דער מלחמה, האָט בולט אַרויסגעשטעלט די נויטיקייט דרינגענד צו באַשאַפן אַ יידישע אָרגאַניזאַציע פון אַ ברייטער געזעלשאַפטלעכער הילף.

דעם 18-טן אָוגוסט 1914 איז אויף אַן אַלגעמיינער אַסיפה פון דער פּעטער־

בורגער קהלה אויסגעקליבן געוואָרן דער צענטראַלער הילפס-קאָמיטעט, וועלכער איז גלייך צוגעטראָטן צו דער אַרבעט.

שפּעטער האָבן זיך געגרינדעט געגנט-קאָמיטעטן אין אַ ריי גרעסערע פּונקטן, און אָרטיקע קאָמיטעטן כמעט אין אַלע יידישע שטעט און שטעטלעך פון רוסלאַנד.

די טעטיקייט פון די קאָמיטעטן איז גיך און אומגעהויער אויסגעוואַקסן צוליב די טרויעריקע געשעענישן פון קריג און ספּעציעל צוליב די גירושים, וועלכע זיינען פון דער מאַכט דורכגעפירט געוואָרן מיט אַ באַזונדער אַכזריות און אין זייער אַ גרויסן מאַסשטאַב.

לויט די סטאַטיסטישע ידיעות פון צענטראַלן קאָמיטעט און פון די געגנט-קאָמיטעטן זיינען אויפן 1-טן סעפּטעמבער 1916 געווען פאַררעגיסטרירט אין די יידישע הילפס-קאָמיטעטן העכער 210000 יידישע היימלאָזע, וואָס זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרן אָדער זיינען אַנטלאָפן פון 1907 שטעט, שטעטלעך און ישובים. אויפן 1-טן נאָוועמבער 1916 זיינען שוין געווען פאַררעגיסטרירט 238000 יידישע היימלאָזע. אין דער צאָל זיינען ניט אַריינגערעכנט די היימלאָזע, וואָס זיינען געבליבן אין פּוילן און אין דעם אָקופּירטן טייל פון ליטע (אָבאָסט: קאָוונער, גראָדנער, אַ גרויסער טייל פון ווילנער און מינסקער גובערניעס). די אַלגעמיינע צאָל היימלאָזע איז געווען בערך 350000. זיי זיינען אַרויסגעטריבן געוואָרן אָדער זיינען אַנטלאָפן פון 2019 שטעט, שטעטלעך און ישובים פון תחום-המושב.

די 238000 פאַררעגיסטרירטע היימלאָזע זיינען אַלע געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך גענויטיקט און זיינען אָנגעקומען צו די קאָמיטעטן נאָך פאַרשיידענע מינים הילף (מאַטעריעלע און יורידישע), און 169000 פון זיי פלעגן אינגאַנצן אויסגעהאַלטן ווערן פון די קאָמיטעטן.

די אויסהאַלטונג פון די היימלאָזע און אַלע מינים הילף, וואָס זיי האָבן באַקומען, (דערנערונג, דירות, קליידער, שיך, וועש, מעדיצינישע און יורידישע הילף, פּראָדוקטיווע הילף, קולטורעלע הילף, עוואַקואַציע און רעעוואַקואַציע) האָט פאַר די ערשטע דריי יאָר מלחמה אָפּגעקאָסט 31.000.000 רובל. פון זיי האָבן די רוסישע רעגירונגען געגעבן 17.179.000; אַמעריקע (דער יידישער הילפס-קאָמיטעט פאַר די קרבנות פון מלחמה) 7.258.597; ענגלאַנד (דער יידישער הילפס-קאָמיטעט אין לאָנדאָן און אַנדערע) — 1.693.060; אַפריקע (די יידישע קאָמיטעטן אין קאַפּשטאַדט און יאָהאַניסבורג) — 403.777; שאָטלאַנד (דער קריסטלעכער פאָנד צו העלפן די מלחמה-קרבנות אין רוסלאַנד) — 291.892; פּאַריז (באַראָן ראָטשילד) — 250.000; דער צענטראַל-קאָמיטעט פון „יעקאָפּאָ״ האָט פאַר די דריי יאָר מלחמה אַליין צונויפגעזאַמלט 3.769.799 רובל, פון זיי האָט פּעטערבורג געגעבן 2.012.000 און די פּראָווינץ האָט צוגעשיקט אין קאַסע פון צ״ק — בערך 1.700.000 רובל. חוץ דעם האָבן די אָרטיקע קאָמיטעטן געזאַמלט גרויסע סומעס, וועלכע זיי האָבן פאַרווענדעט אויף די ערטער.

די סטאַטיסטישע דאַטן האָבן געניי באַוויזן, אַז דער רוב היימלאָזע איז פון אונזער געגנט. פון דעם איז קלאָר, אַז הן בנוגע דער רעעוואַקואַציע והן ביי אַלע מינים הילף קומט אויס דעם יידישן געגנט-קאָמיטעט אין ווילנע צו פאַרנעמען אַ צענטראַלן אָרט.

אין די ערשטע יאָרן פון דער מלחמה האָט דער ווילנער הילפס-קאָמיטעט באַדינט צענדליקער טויזנטער יידישע היימלאָזע און כמעט אַ העלפט פון דער אַלגעמיינער יידישער הילפס-אַרבעט איז אויסגעפאַלן אויף דעם ווילנער הילפס-אַפּאַראַט.

מחמת אַ ריי סיבות און קודם כל צוליב שליסן די גרעניץ האָט זיך די אַרבעט פון הילפס-קאָמיטעט אָפּגעשטעלט אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע.

סוף 1918 און אָנהויב 1919 האָט זיך די אַרבעט פון „יעקאָפּאָ״ אין ווילנע ווידער אָנגעהויבן און וואָס ווייטער האָט זי אָנגענומען אַלץ אַ גרעסערן מאַסשטאַב.

אין פעברואַר 1919 האָבן זיך אין ווילנע ווידער קאָנצענטרירט עטלעכע טויזנט היימלאָזע, פון זיי בערך 800 יידן. דער געגנט-קאָמיטעט האָט תיכף אָרגאַניזירט פאַר זיי הילף, ניט קוקנדיק אויף דעם גרויסן יקרות און זייער שווערע באַדינגונגען פאַר דער אַרבעט. דעם קאָמיטעט האָט זיך איינגעגעבן צו רעעוואַקוירן אין פולער אָרדענונג — ביי די אומגעהויער-שווערע תנאים פון דעמאָלטיקן פאַרקער, — דעם גרעסטן טייל היימלאָזע און האָט אַנטוויקלט אַ ברייטע הילפס-אַקציע אין מאַטעריעלער, יורידישער און אויספאָרשנדיקער הינזיכט.

אין ווילנע האָט דאַן עקסיסטירט די אַזויגערופענע קאָלעגיע פון דער ווילנער קהלה. דער געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ״ האָט איינגעטיילט די אַרבעט צווישן זיך און דער קאָלעגיע אויף אַזאַ אופן, אַז דער קאָלעגיע איז איבערגעגעבן געוואָרן די אַלגעמיינע הילפס-אַרבעט אין שטאָט (ווילנע), אויף וואָס דער געגנט-קאָמיטעט האָט איר אויסגעטיילט די נויטיקע דערצו געלט-מיטלען. די הילף אין ווילנע, וואָס טראָגט אַ טראַנזיט-כאַראַקטער און די פּראָדוקטיווע הילף אין ווילנע, ווי אויך די גאַנצע אַרבעט אין געגנט, זיינען פאַרבליבן ביים געגנט-קאָמיטעט.

דער געגנט-קאָמיטעט האָט דאַן אויך געגרינדעט אַ ספּעציעלע קאָמיסיע אויף צוצוגרייטן און באַאַרבעטן די מאַטעריאַלן וועגן אויפריכטן די חורבנות פון דער מלחמה.

אַ דרינגנדע גרויסע טעטיקייט האָט דער קאָמיטעט אַנטוויקלט אין די בלוטיקע ווילנער אַפּריל-טעג, אָרגאַניזירנדיק די ברייטסטע יורידישע הילף.

האָבנדיק פאַר זיך אַ גרויסן פעלד פון אַרבעט אין די שווערסטע טעג פון יידישן לעבן, איז דער געגנט-קאָמיטעט, וועלכער איז פאַרבליבן דער איינציקער יידישער הילפס-צענטער, אָפּגעשניטן געוואָרן פון צענטער און איז אָוועקגעשטעלט געוואָרן אין אַ קריטישער מאַטעריעלער לאַגע. דער געגנט-קאָמיטעט האָט אָבער תיכף גענומען זוכן אַן אויסוועג און האָט אויפן חשבון פון צענטראַלן קאָמיטעט געליען די נויטיקע געלטער, כדי צו קענען ווייטער פירן די אַרבעט. שפּעטער איז געקומען די גרויסע הילף פון „דזשוינט״ און די פאַרבינדונג מיט וואַרשע.

דער געגנט-קאָמיטעט האָט אויף אַ מינוט ניט אָוועקגעלייגט די אַרבעט, און אַלע איבעריקע יידישע חברות און געזעלשאַפטן האָבן זיך קאָנצענטרירט אַרום אים: „אָרט״, „אָזע״, „הילף דורך אַרבעט״, די קאָלאָניעס „וועליטשאַני״ און „זשוראַוויצי״, „קינדער-פאַרזאָרגונג״, דער קאָאָפּעראַטיוו „אַרבעטער״, די פּראָפעסיאָנעלע אַרבעטער-פאַראייניגן, די פּראָדוציר-קאָאָפּעראַטיוון, די קהלה א. א. די אַלע אַנשטאַלטן, חברות און אָרגאַניזאַציעס האָט דער געגנט-קאָמיטעט אַרויסגעגעבן סובסידיעס און הלוואות אין די קריטישסטע מאָמענטן פון דער עקסיסטענץ און האָט אויף אַזאַ אופן אונטערגעהאַלטן די וויכטיקסטע יידישע איינריכטונגען פון פּראָדוקטיווער הילף און האָט געשטיצט אָרגאַניזירטערהייט הונדערטער און טויזנטער יידישע קינדער און דערוואַקסענע.

לויט די באַזונדערע פאָדערונגען פון יידישן לעבן האָט דער געגנט-קאָמיטעט געגעבן אין באַשטימטע צייטן אויך אַנדערע מינים הילף. אַזוי, למשל, האָט ער, חוץ דער קיך פאַר היימלאָזע און קריגס-געפאַנגענע, ספּעציעל געשטיצט פּסח-צייט נויטבאַדערפטיקע שולקינדער און אין די שווערע טעג נאָך דעם בלוטיקן פּאָגראָם אין ווילנע האָט ער אַנטוויקלט

חוץ דער דערמאָנטער יורידישער הילף אַ ברייטע אינדיווידועלע הילף אויף געזעלשאַפטלעכע פּרינציפּן, וואָס האָט ניט געלאָזן פאַלן אַ גרויסע ריי אינטעליגענטע פּערזאָנען און פאַמיליעס, וועלכע איז געגעבן געוואָרן די מעגלעכקייט איבערצולעבן דעם מאַטעריעלן קריזיס און ווידער נעמען זיך צו נוצלעכער אַרבעט.

פאַראַלעל מיט זיין הילפס-אַקציע האָט זיך דער געגנט-קאָמיטעט אָפּגעגעבן ספּעציעל מיט דער אָרגאַניזירונג פון פּראָדוקטיווער הילף. ער האָט אונטערגענומען אַ ריי אויספאָרשנדיקע אַרבעטן, אָנהייבנדיק פון די היימלאָזע און ענדיגנדיק מיט די אויפבויענדיקע אַרבעטן אויף די ערטער. ס׳זיינען דערצו געגרינדעט געוואָרן באַזונדערע קאָמיסיעס, און ס׳איז אויפגעזאַמלט געוואָרן אַ גרויסער סטאַטיסטישער און אויספאָרשונגס-מאַטעריאַל.

סוף מאַי 1919, ווען אין ווילנע האָט אָנגעהויבן צו פונקציאָנירן די דעמאָקראַטיש - אויסגעוויילטע יידישע קהלה, איז די גאַנצע שטאָטישע אַרבעט אַריבער צו דער קהלה, און דער געגנט-קאָמיטעט האָט חוץ דער טראַנזיט - הילף און די באַציאונגען מיט די צענטראַלע געזעלשאַפטן און אינסטיטוציעס פון פּראָדוקטיווער הילף אין ווילנע, קאָנצענטרירט זיין טעטיקייט אויסשליסלעך אין געגנט.

די אַרבעט פון געגנט-קאָמיטעט האָט זיך וואָס ווייטער אַלץ מער פאַרשפּרייט אין דער גאַנצער געגנט, וואו „יעקאָפּאָ“ איז די איינציקע אָרגאַניזאַציע, וועלכע העלפט און בויט אויף די רואינירטע פּראָווינץ.

דאָס סיסטעם פון שטרענגער אויספאָרשונג און סטאַטיסטישער אָריענטאַציע, לויט וועלכער די אַרבעט איז געפירט געוואָרן, האָט אַריינגעטראָגן אַ סדר אין דער אָרגאַניזאַציע פון הילף און האָט געגעבן די מעגלעכקייט, ביי די זייער באַגרענעצטע מאַטעריעלע מיטלען און ביי דעם פולשטענדיקן חורבן און פאַרוואָרלאָזטן מצב פון דער יידישער פּראָווינץ, פאַר אַ פּלאַנמעסיקער הילפס-אַקציע אין געגנט און ניט נאָר אין זין פון דירעקטער דרינגענדער הילף, נאָר אויך אין זין פון אויפבויען אַ גאַנצע נעץ פון קיכן, געזעלשאַפטלעכע בעקערייען, גמילות - חסדים, קאָאָפּעראַטיוון, ליי- און שפּאָר-קאַסעס, אָרטיקע קאָמיטעטן און קהילות.

די דאָזיקע אַרבעט, וועלכע האָט אויפגעוועקט די פּראָווינץ און אַריינגעטראָגן אין איר געזונטע יסודות פון זעלבסטעטיקייט, האָט ביז אונז קיינער ניט געטאָן.



אונזערע באַפולמעכטיקטע, וואָס זיינען אַרומגעפאָרן איבער דער פּראָווינץ, האָבן אויך אַ סך מיטגעהאָלפן דער אויפבויאונג פון געגנט, אויספאָרשנדיק דעם מצב אויף די ערטער און אָרגאַניזירנדיק די הילף.

וואָס ווייטער האָט זיך דער ראַיאָן פון געגנט-קאָמיטעט בהכרח אַלץ מער און מער פאַרגרעסערט באופן, אַז פון געגנט-קאָמיטעט זיינען געשטיצט געוואָרן העכער 80 שטעט און שטעטלעך פון ווילנער גוב., אַ טייל פון מינסקער און גראָדנער גוב.

אויפן יסוד פון די סטאַטיסטישע מאַטעריאַלן, וואָס דער געגנט - קאָמיטעט האָט געזאַמלט, און פון די אָרטיקע באַריכטן, פלעגט דער קאָמיטעט פעסטשטעלן די פּראָפּאָרציע פון דער שטיצע פאַר יעדן פונקט באַזונדער אין צוזאַמענהאַנג מיט זיין בידזשעט פאַר אַלע פונקטן לויט פאָלגנדער גראַדאַציע: א) די צאָל באַפעלקערונג פון שטעטל, ב) די צאָל פון אירע נצרכים, ג) די מדרגה פון אירע הצטרכותן און וויפיל האָט זי געליטן, ד) געפינט זי זיך נעענטער צום פראָנט אָדער ווייטער, ה) האָט זי מוסדות און וועלכע, ו) די מדרגה פון איר אָרגאַניזירטקייט (האָט זי אַ ועד-הקהלה, אַן אויסגעוויילטן קאָמיטעט וכדומה) און וואָס האָט די שטעטל אַליין געטאָן פאַר זיך.

די צוזאַמענשטעלונג פון די אַלע גראַדאַציעס אינאיינעם און זייער פאַרגלייכונג, אין פאַרבינדונג מיט די אויספאָרשונגען פון די באַפולמעכטיקטע, האָט תמיד געגעבן דעם ריכטיקן בילד וועגן מצב פון שטעטל און וועגן די אופנים פון הילף, וואָס דאַרפן דאָרט געגעבן ווערן.

וואָס ווייטער איז אָט די הילף אַלץ געוואָרן גרעסער הן אין הינזיכט פון שטילן די אומגעהויערע נויט פון דער חרוב-געוואָרענער געגנט והן בנוגע דער פּראָדוקטיוויטעט פון דער הילף אין דער פּראָווינץ, וואָס האָט אָנגעהויבן צו קומען צו זיך נאָך די איבערגעלעבטע בלוטיקע טעג.

דערביי האָט אויך די אויספאָרשונגס-אַרבעט אָנגענומען אַ ברייטערן כאַראַקטער. דער געגנט-קאָמיטעט האָט חוץ די אַלגעמיינע סטאַטיסטישע ידיעות ספּעציעל אויפגעזאַמלט די דאַטן וועגן דער צאָל אָרעמע קינדער אין געגנט, יתומים, אלמנות, פרויען, וואָס זייערע מענער זיינען אין אַמעריקע; קינדער, וואָס זייערע עלטערן זיינען אין אַמעריקע; דער געגנט-קאָמיטעט האָט ספּעציעל אויסגעפאָרשט און דרינגענד גע-





געבן הילף די יידישע לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלאָניעס אין געגנט; דער געגנט-קאָמיטעט האָט געפּרובט פאַרבינדן די יידן פון פּראָווינץ מיט זייערע קרובים אין אַמעריקע, אויפזאַמלענדיק אין פּראָווינץ די גענויע אַדרעסן און ידיעות און אָפּשיקנדיק זיי אין וואַרשעווער אַמעריקאַנער קאָמיטעט; האָט לסוף אויך אונטערגענומען דורך „אָזע“ אַ הילפס-אַקציע פאַר דער פּראָווינץ אין מעדיציניש-סאַניטאַרן זין. ס׳איז אויך געזאַמלט געוואָרן אַ מאַטעריאַל וועגן אַלע איבעריקע פראַגן, ווי דערציאונג, שולן וכדומה, וועלכע זיינען געשטעלט פאַר דער קאָנפערענץ אין זין פון אַסיגנירן אויף אָט די באַדערפענישן געוויסע סומעס אין רשות פון די אָרטיקע קהלות און קאָמיטעטן.

דער געגנט-קאָמיטעט האָט אומעטום געגעבן די הילף נאָר אָרגאַניזירטערהייט, דהיינו די ועדי-הקהלות און קאָמיטעטן אין דאָרט, וואו זיי זיינען ניט געווען, האָט ער זיי אַרויסגערופן צום לעבן.

דער געגנט-קאָמיטעט האָט געשטרעבט אַרויסצורופן די זעלבסטעטיקייט פון די שטעטלעך גופא. ביים אַרויסגעבן הילף אויף פּראָדוקטיווע צוועקן, ביים גרינדן ליי-קאַסעס און קאָאָפּעראַטיוון, האָט דער געגנט-קאָמיטעט בדרך כלל געפאָדערט, און מיט גרויס ערפאָלג, אַ קעגנקאַפּיטאַל פון די אָרטיקע שטעטלשע כוחות און ער פלעגט געבן אַזויפיל, וויפיל די שטעטל אַליין איז געווען ביכולת צונויפצוזאַמלען אויף די אויפבויענדיקע מוסדים.

דעמזעלבן פּרינציפּ פון זעלבסטהילף, נאָר אַנדערש מאָדיפיצירט, האָט דער געגנט-קאָמיטעט אָנגעווענדעט בנוגע די געזעלשאַפטלעכע בעקערייען אָדער ברויט-קאָאָפּעראַטיוון און קיכן, וואָס ער האָט געגרינדעט אין דעם גרעסטן טייל שטעטלעך. די אָרגאַניזאַציע פון דער זאַך און די אויסקויפונג פון די קינדער-ראַציאָנען האָט דער געגנט-קאָמיטעט גענומען אויף זיך, אָבער בתנאי, אַז גרעסטנטיילס ניט ווייניקער פון אַ העלפט פון דער סומע זאָל די שטעטל אַליין איינצאָלן און אַז ביים פאַרקויפן ביליקער די ברויט אָדער פונאַנדערטיילן דאָס עסן אין די קיכן זאָל די שטיצע פון קאָמיטעט זיין נאָר אַ בייהילף צו דער אַרבעט פון די שטעטלשע מוסדים גופא און אַז דערביי זאָלן אָפּגעהיט ווערן אַלע אינטערעסן פון די באמת נויטבאַדערפטיקע.

די באַדערפענישן פון דער פּראָווינץ אין אונזערע שווערע צייטן, נאָך אַלע אַריבערגעטראָגענע יסורים און חורבנות, זיינען זייער גרויס, די נויט—געוואַלטיק.

און נאָר אַדאַנק דער פלאַנמעסיקער, אָרגאַניזירטער אַרבעט האָט זיך „יעקאָפאָ" אײַנגעגעבן דאָך אַרײַנצוטראָגן אין דער פּראָווינץ אַ שטראָם לעבן, אונטערצוהאַלטן די הונגערנדיקע באַפעלקערונג, לינדערן די נויט, אויפוועקן די כּוחות, אויפהויבן דעם מוט און אַרויסרופן די לעבעדיקע קרעפטן פון דער באַפעלקערונג אויף צו בויען און אויפריכטן די צעוואָרפענע? — צורואינירטע ווירטשאַפט.

דער געגנט-קאָמיטעט האָט אָרגאַניזירט די נויטיקע הילפס-קרעפטן אויף די ערטער גופא און האָט אומעטום געוועקט די טוער פון די שטעטלעך צו זעלבסט-אַרבעט. אַדאַנק דעם דאָזיקן אַרבעטס-מעטאָד האָט זיך דעם געגנט-קאָמיטעט אײַנגעגעבן דורכצופירן אַ געוואַלטיקע אַרבעט מיט אַ גאַנץ קליינעם פּערסאָנאַל, באופן, אַז די גאַנצע פאַרוואַלטונגס-הוצאות, שוין אַרײַנרעכענענדיק די הוצאות אויף אָנגעשטעלטע און באַפולמעכטיקטע מיט אַלע אָרגאַניזאַציאָנס-קאָסטן צוזאַמען, האָבן באַטראָפן ניט מער ווי $1\frac{1}{2}$ פּראָצענט (און די אייגנטלעכע קאָמיטעט-הוצאות בלויז $\frac{3}{4}$ פּראָצ.), ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס די אַרבעט האָט זיך אַלץ מער און מער פאַרגרעסערט ביז צום העכסטן מאַסשטאַב.

אַ וויכטיקן אָרט האָט אויך פאַרנומען די הילפס-אַרבעט מיט פּראָדוקטן און זאַכן, וועלכע זײַנען צוגעשיקט געוואָרן פון אַמעריקע.

די גרויסע אַרבעט האָט אַרויסגערופן די נויטיקייט פון אַ געגנט-קאָנפערענץ, אום נאָך מער צו אָרגאַניזירן די הילף און פאַרזעצן די אַרבעט אויף די געזונטע, ראַציאָנעלע יסודות פון אויפריכטן אונזער פיל-געליטענע און פיל-לײַדנדע יידישע פּראָווינץ. זי האָט אויך אַרויפגעשטעלט אויפן סדר-היום אַ גאַנצע ריי וויכטיקע נײַע פראַגן, ווי, למשל, די שול- און בילדונגס-פראַגע, די אָרגאַניזאַציאָנס-פראַגע וכדומה.

די קאָנפערענץ, וואָס קומט איצט פאָר, דעם 8, 9 און 10 סעפּטעמבער 1919 יאָר, אַן אויסגעווײַלטע אויף די דעמאָקראַטישסטע יסודות, האָט צו באַטראַכטן און צו באַשליסן שוין אַלע פראַגן, וואָס זײַנען נוגע דער יידישער פּראָווינץ אין היינזיכט פון הילף, — מאַטעריעלע און גײַסטיקע, — און האָט אויך אויסצוקלײַבן אַ געגנט-קאָמיטעט.

**מ. שאַליט.**



די ערשטע געגנט-קאָנפערענץ פון „יעקאָפאָ" אין ווילנע דעם 8, 9, און 10 סעפּטעמבער 1919.

אין דער דריטער ריי זיצן פון לינקס אויף רעכטס: דוד כהן (נאָוואָגרודאָק); נ. קאָוואַרסקי, י. וואַלק, מ. יעווזעראָוו, מ. שאַליט (ווילנע); הרב שאַצקעס (איוויע); ד״ר צ. שאַבאַד (ווילנע); הרב פיין (אָשמענע); ד״ר י. קאָוואַרסקי (מערעטש); ב. כהן (ווילנע); ה. הורוויטש (נײַ-סווענציאַן). אין דער ערשטער ריי זיצן (האַלטנדיק דעם שילד פון דער קאָנפערענץ) שלום כהן (דעליאַטיטש-קאַרעליטש) און ז. גווינט (קורענעץ). אין דער צווייטער ריי פון רעכטס אויף לינקס — דער פערטער: י. סווירסקי (סווענציאַן); דער נײַנטער — הרב אייזנבוד (וואַסילישעק); הרב רודניק (בעליצע); הרב מישקאָווסקי (זשעלודאָק). אין דער פערטער ריי פון לינקס אויף רעכטס — דער דריטער: י. גאָלאָמב (מיישעגאָלע). אין דער זיבעטער ריי פון רעכטס אויף לינקס — דער צווייטער: א. ז. בענדער (איוויע); דער זיבעטער: נ. פערסקי (אָשמענע). אין דער צווייטער ריי פון רעכטס אויף לינקס — דער צווייטער: י. ברומבערג (סווענציאַן).

# דער אַדרעס, וואָס דער אויסגעוויילטער, דורך דער ערשטער געגנט-קאָנפערענץ, קאָמיטעט פון „יעקאָפּאָ" האָט דערלאַנגט דעם ד. ד. ק. נאָך דער קאָנפערענץ אין סעפּטעמבער 1919.

דעם פֿאַראייניקטן פונאַנדערטיילונגס-קאָמיטעט פון די אַמעריקאַנער געלטער פאַר די יידישע מלחמה-קרבנות

**Joint Distribution Committee of the American Funds for Jewish War Sufferers**

און זיינע פאָרשטייער אין פּוילן און ליטע

ד"ר באָריס באָגען, יעקב ביליקאָף און איסידאָר הערשפילד.

די ערשטע יידישע קאָנפערענץ אין ליטע צונויפגערופן פון ווילנער יידישן געגנט-קאָמיטעט אויף צו העלפן די קרבנות פון מלחמה („יעקאָפּאָ") אין ווילנע דעם 8, 9 און 10 סעפּטעמבער 1919 אין באַשטאַנד פון 83 דעלעגאַטן פון פאָלגנדע 74 שטעט און שטעטלעך פון ווילנער גוב. און א טייל מינסקער גוב. (חוץ ישובים):

איגנאַלינע, אינטורעק, איוויע, אָסטראָוועץ, אָלטאָן, אָשמענע, אָלקעניק, אָראַן, איישישאָק, אָסטרין, אָרלאָווע, בעליצע, ביניאַקאָף, ביסטריץ, באָריסאָווקע, באָראַנאָוויטש, אָטרימאָנץ, גאָדוטשישאָק, געדרויץ, גאָראָדישטש, גערוויאַט, דעליאַטיטש, דעווענישאָק, דאָווגעלישאָק, דעקשנע, האָנאָכישאָק, גר. ווילייקע, וואָרניאַן, וואָראָנאָווע, ווישנעווע, וואָלאָזשין, וואָסילישאָק, וועליטשאָן, וויסאָקי דוואָר, זשופּראַן, זשעלודאָק, זשוראָווויטש, טראָק, טראָב, טורגעל, יאַשון, יעווייע, לאָנדוואָראָווע, ליובטש, לינטופּ, ליפּנישאָק, לייבישעק, לינגמיאַן, לייפּון, מאַליאַט, מיכאַלישאָק, מיישעגאָלע, מערעטש, נאָווע-סווענציאַן, נעמענטשין, נאָוואָגרודעק, ניישטאָט, סאָל, סעליוב, סאָליעטשניק גרויס און קליין, סווענציאַן, סוויר, פאָסטאַווי, פאָדבראָדז, פאָרברעזע, פאָנאָסישאָק, קאָרעליטש, קורעניץ, קאָבילניק, ראַדון, רודזישאָק, שירווינט, שטשוטשין

האָט איינשטימיק אָנגענומען דעם באַשלוס אויסצודריקן דעם אויפריכטיקסטן און טיפסטן דאַנק די אַמעריקאַנער ברידער פאַר זייער גרויסע מאַטעריעלע הילף.

די הילף, וואָס די אַמעריקאַנער ברידער האָבן אונז געשיקט אין די שווערסטע צייטן פון אונזער לעבן און שיקן עד-היום מיט אַזאַ הצריקייט און ברייטמוטיקייט, איז געקומען צום נויטיקן מאָמענט און האָט בפועל ממש געראַטעוועט צענדליקער טויזנטער ברידער אונזערע אין ליטע פון הונגער-טויט און פון פיזישן און מאָראַלן חורבן.

זי האָט אָפּגעהיט טויזנטער קינדער אונזערע פון אונטערגאַנג, זי האָט געבראַכט לעבן טויזנטער יתומים, זקנים און אלמנות, האָט אומגעקערט אַהיים טויזנטער היימלאָזע, האָט געשטיצט יידישע האַנט-ווערקער, אַרבעטער און קאָלאָניסטן און האָט געבראַכט טרייסט, האָפענונג און מוט דעם גאַנצן יידישן כלל.



ראַציאָנעל אָרגאַניזירט און פונאַנדערגעטיילט, ברענגט די הילף די ממשותדיקסטע רעזולטאַטן און גיט די מעגלעכקייט איבערצולעבן די שווערסטע צייטן און ווייטער צו בויען און שאַפן מיט אייגענע כוחות דעם רואינירטן לעבן.

די אַמעריקאַנער הילף, פּראָדוקטיוו פאַרווענדעט, וועקט די זעלבסטטעטיקייט פון די מאַסן, וועלכע זי האָט אינטערגעהאַלטן און האַלט אונטער אין די איצטיקע צייטן פון חורבן און הפקרות און דערלאָזט ניט די יידישע באַפעלקערונג פיזיש, עקאָנאָמיש און קולטורעל צו דעגראַדירן.

אַדאַנק דער אַמעריקאַנער הילף איז מעגלעך געוואָרן צו באַדעקן די פּראָווינץ מיט אַ נעץ פון קיכן, ברויט-בעקערייען, האָלץ-סקלאַדן, קאָאָפּעראַציון, גמילות-חסדים, לייי- און שפּאָר-קאַסעס, קינדערהיימען, שולן, שפּיטאָלן, אונטערשטיצונגס-אַנשטאַלטן, הילפס-קאָמיטעטן און קהלות.

די הילף איז גלייכצייטיק אַ דרינגענדע, מאָמענטאַל-פיזישע, און, ריכטיק אויפגעשטעלט, אויך אַ קאָנסטרוקטיווע, אויפבויענדיקע — און ס'איז ניט אָפּצישאַצן און אָפּצומעסטן די אומגעהויערע באַדייטונג פון דער דאָזיקער הילף ניט נאָר אין מאַטעריעלן, נאָר אויך אין גייסטיקן זין.

דאָס יידיש פאָלק וועט קיינמאָל ניט פאַרגעסן די דאָזיקע הילף פון אונזערע אַמעריקאַנער ברידער און דער דאַנק די אַלע נותנים, דעם פאַראייניקטן קאָמיטעט, די זאַמלער, טוער און פאָרשטייער וועט פאַרשריבן ווערן אין דער געשיכטע ווי אַ דאַנק פון ברידער צו ברידער, ווי אַ דאַנק פון אַ כלל, וואָס האָט אין די ביטערסטע צייט דערפילט דעם דופק פון דער וואַרימער יידישער האַרץ פון מעבר לים, פון די נאָענטסטע און טייערסטע.

און אין די בעסערע און ליכטיקערע צייטן, ווען דאָס יידישע לעבן וועט אויפגעבויט און אויפגעריכט ווערן, וועט דאָס ליטווישע יידנטום געדענקען און שעצן די גרויסע הילפס-אַרבעט פון זיינע אַמעריקאַנער ברידער, וואָס זיינען די ערשטע געקומען מיט דרינגענדער שטיצע און וואָס העלפן ווייטער ניט אויף צו העלפן ביים בויען און שאַפן דאָס יידישע לעבן (וואָס נויטיקט זיך אויך איצט אין שטיצע), וועלכע איז חרוב ומוחרב געוואָרן אין די גרויזאַמע יאָרן פון מלחמה און אָקופּאַציע און וואָס זיין אויפריכטונג פאָדערט די אָנשטרענגונג פון אַלע לעבעדיקע פאָלקס-כוחות אין משך פון יאָרן.

דער אויסגעוויילטער געגנט קאָמיטעט:

| | |
|---|---|
| פּאָרזיצער — ד"ר צ. שאַבאַד | וויצע-פּאָרזיצער — ד"ר יעקב וויגאָדסקי |
| סעקרעטאַר — מ. שאַליט | מיטגלידער: הרב חיים עוזר גראָדזענסקי |
| מיטגלידער פון פּרעזידיום: מ. יעווזעראָוו | הרב שמואל פריד |
| ל. זאַקהיים | א. רודניצקי |
| נ. קאָוואַרסקי | וו. מאַקאָווער |

# ווי אַזוי מיר האָבן אין יאָר 1919 געבראַכט קיין ווילנע אַ פערטל מיליאָן דאָלאַר הילפס-געלטער.

אָנהייב דעצעמבער 1919 זײַנען מיר מיט גרויסע שוועריקייטן געקומען קיין וואַרשע אין אַ דעלעגאַציע פון ווילנער „יעקאָפּאָ" צום אַמע-ריקאַנער פאָרטרעטער פון „דזשוינט" (ד. ד. ק.) אין פּוילן ה' איסידאָר הירשפעלד. מיר האָבן גע-האַט דעם צוועק צו באַקומען פאַר דעם טעטי-קייטס-ראַיאָן פון „יעקאָפּאָ" אַ גרעסערע סומע געלט, וואָס איז דערהאַלטן געוואָרן דורכן „דזשוינט" פון אַמעריקאַנער קרובים פאַר הונדערטער איינצל-נע פּערזאָנען, ווי אויך פון „דזשוינט" גופא אַלס סובווענץ אויף פאַרשיידענע הילפס-אַרבעטן פון געגנט-קאָמיטעט „יע-קאָפּאָ".

ס'איז דאַן געווען אַן אומרואיקע און אומ-זיכערע צייט. ס'האָט נאָך געהערשט דער מיליטערישער רעזשים און זײַן גאַנצער שטרענגקייט. די מלחמה אויף אונזערע פראָנטן האָט נאָך פאַקטיש ניט אויפגעהערט און די באַוועגונג אויף די באַנען, אויף ווײַט זי איז געווען מעגלעך פאַר ציווילע פּערזאָ-נען, האָט פאָרגע-שטעלט מיט זיך ממש אַ געפאַר. אַרויספאָרנ-דיק, האָט מען ניט געקענט וויסן צי מען וועט קענען קומען צו-ריק אָדער מען וועט ערגעץ פאַרבלײַבן אין וועג. אויב מען וועט בכלל אַרויסגיין גאַנץ מיטן לעבן. חוץ דעם, האָט מען אויף צו פאָרן געדאַרפט האָבן ספּעציעלע ערלויבע-נישן פון דער מאַכט, אויף יעדן מאָל באַ-זונדער, וואָס פלעגט אויך ניט לײַכט גע-געבן ווערן.

צו יענער צייט האָט דער ווילנער געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ" שוין געהאַט געגעבן אַ געוויסע הילף אויך דער נויטבאַדערפטי-קער באַפעלקערונג אין מינסק. שוין עטלעכע חדשים ווי מינסק איז געווען פאַרנומען פון דעם פּוילישן חיל און „יע-קאָפּאָ" האָט גלײַך נאָכן פאַרנעמען בכלל באַקומען די ערשטע ערלויבעניש פון דער פּוילישער מאַכט צו באַזוכן די שטאָט. מ. יעווזעראָוו אַלס פאָר-טרעטער פון „יעקאָפּאָ" צוזאַמען מיט ה' שניידע-ראָוויטש אַלס פאָרטרעטער פון אַמעריקאַנער ק. פּ. ד. זײַנען תיכף אַרויסגעפאָרן אויף אַ לאַסט-אויטאָמאָביל (קיין צוגן זײַנען נאָך דאַן ניט גע-גאַנגען) פון ווילנע קיין מינסק און האָבן געבראַכט אַהין דעם ערשטן טראַנספּאָרט פּראָדוקטן, ווי



אויך קאָנדענסירטע מילך און ביסקוויטן פאַר קינ-דער. אין אַ קורצער צייט אַרום זײַנען מיר, מ. יעווזעראָוו און איך, געקומען קיין מינסק אַלס פאָרטרעטער פון ווילנער „יעקאָפּאָ" און אָנגע-בונדן אַ קאָנטאַקט מיט די דאָרטיקע אָרגאַניזאַציעס פון „יעקאָפּאָ", „אָרט" און „עזע".

אונזער דעלעגאַציע, וואָס איז געפאָרן אָנהייב דעצעמבער 1919 קיין וואַרשע, איז באַשטאַנען פון נ. קאָוואַרסקי און מיר אַלס פאָרטרעטער פון ווילנער „יעקאָפּאָ". אין וואַרשע האָבן מיר זיך געטראָפן מיט ד. לוואָוויטש (אַלס פאָרטרעטער פון מינסקער „אָרט"), וועלכער האָט געוואָלט פאָרן מיט אונדז צוזאַמען צוריק.

אונזערע אונטערהאַנדלונגען מיטן אַמעריקאַ-נער פאָרטרעטער פון „דזשוינט" האָבן געהאַט דעם פולסטן ערפאָלג און ס'איז אונדז איבערגע-געבן געוואָרן צו ברענגען קיין ווילנע די באַ-שטימטע פאַר די איבערגעמאַנטע צוועקן 5.000.000 מאַרק, וואָס האָט לויט דעם דעמאָלטיקן קורס געהאַט אַ ווערט פון 250.000 דאָלאַר.

דאָס געלט האָבן מיר געמוזט נעמען אין קלענ-ערע אַסיגנאַציעס במזומנים (אַנדערש וואָלט ניט



געווען וואו עס אײַנצובײַטן) און עס האָט אָנגע-פילט 4 גרויסע און זייער שווערע טשעמאָדאַנעס.

ס'האָט זיך געשטעלט די פראַגע, ווי אַזוי זאָלן מיר אַריבערפירן אַזאַ גרויסע סומע געלט אין אַזאַ פריזנדיקער צייט, ווען די באַנען זײַנען ניט געגאַנגען רעגולער און די וועגן האָבן גע-ווימלט פון אַלערליי באַנדיטן און אָנפאַלער. דערצו נאָך, איז גראָד דאַן געפאַלן געוואָרן די אויסגערופענע מיליטערישע שפּערע, ד. ה. די באַנען זײַנען בכלל געשלאָסן געוואָרן פאַר ציווילע פּערזאָנען אויף צוויי וואָכן צייט, וואָס האָט גע-שאַפן אַ פולשטענדיק-אומבאַשטימטן מצב. ס'איז געוואָרן אוממ-מעגלעך, אַז אַ פּרי-וואַטע פּערזאָן זאָל אין דער נאָענטסטער צייט בכלל קענען קו-מען פון וואַרשע קיין ווילנע, און ס'האָט זיך אויסגעדריקט, אַז אַלע וועגן זײַנען אָפּ-געשניטן.

מיר זײַנען אַוועק-געשטעלט געוואָרן אין אַ געפערלעכער און הילפלאָזער לאַגע. דאָך האָבן מיר באַ-שלאָסן אונזער מיסיע אויסצופירן ביי אַלע באַדינגונגען.

מיר האָבן זיך גע-נומען ענערגיש צו דער אַרבעט. מיר האָבן זיך געאײַלט צו ברענגען די הילפס-געלטער קיין ווילנע ווי מעגלעך שנעלער צו דער ריכטיקער צייט, ניט פאַרלירנ-דיק קיין איין טאָג.

קודם כל האָבן מיר געדאַרפט באַקומען די נייטיקע ערלויבעניש-פּאַפּירן. דאָס איז גע-ווען אין יענעם מאָ-מענט אַן אומגע-הויער-שווערע זאַך. אָבער דאָ איז אונדז געקומען צו הילף דער פאָרטרעטער פון „דזשוינט" ה' איסידאָר הירשפעלד (אין יענע צייטן זײַנען די „דזשוינט"-פאָרטרעטער געווען אַזוי ווי האַלב-אָפיציעלע פּערזאָנען און זײַנען געווען גע-קליידעט אין אַמעריקאַנישע מיליטערישע מונדירן), וועלכער האָט זיך וועגן דעם ענין ספּעציעל פאַר-שטענדיקט מיט דער אַמעריקאַנער מיליטערישער מיסיע אין פּוילן. די אַמעריקאַנישע מיליטערישע מיסיע האָט זיך פון איר זײַט פאַרשטענדיקט מיט דער פּוילישער מיליטערישער מאַכט און מיר האָבן אין זעלבן טאָג באַקומען פאָלגנדן אָפיציעלן פּאַפּיר (ז. די רעפּראָדוקציע):

„דזשוינט דיסטריביושן קאָמיטעט. וואַרשע, סע-



POLISH BRANCH.

JOINT DISTRIBUTION COMMITTEE
OF THE
AMERICAN FUNDS FOR JEWISH WAR SUFFERERS.

ISIDORE HERSHFIELD,
Delegate to Poland

WARSAW 4. grudnia 1919.
Senatorska 32.

Zaświadczenie.

Niniejszem zaświadczamy, iż pp. Notel Kowarski, Mozes Szalit i Dawid Lwowicz są członkami naszego komitetu w Wilnie i w Mińsku i otrzymali od nas 5.000 000.--mk./pięć miljonów marek/ dla akcji ratowniczej biednej ludności żydowskiej w Wilnie i w Mińsku.

Polish Branch — Joint Distribution Committee

WIZOWANO
Naczelne Dowództwo W. P.
Główne ... stwo
Nr. Na przejazd do Wilna i Mińska ...
Warszawa, dnia 4.XII. 1919 r.

Ważne do 31.XII.19.

4.XII.19

Szef Sekcji Politycznej

באַטאַרסקאַ 32, 4 דעצעמבער 1919. אָפּטיילונג אין פּוילן. איסידאָר הירשפעלד. דעלעגאַט פאַר פּוילן. באַשטעטיקונג. דערמיט באַשטעטיקן מיר, אַז די ה"ה נאָטל קאָוואַרסקי, משה שאַליט און דוד לוואָוויטש זיינען מיטגלידער פון אונזער קאָמיטעט אין ווילנע און מינסק און האָבן דערהאַלטן פון אונז 5.000.000 מ׳ (פינף מיליאָן מאַרק) אויף די אַקציע צו העלפן די אָרעמע יידישע באַפעלקערונג אין ווילנע און מינסק. וויזירט. די אויבערשטע אָנפירונג פון פּוילישן חייל. די הויפּט-קוואַרטיר-מייסטערשאַפט. אויף צו פאָרן קיין ווילנע און מינסק אין די אויבנדערמאָנטע ענינים לויטן אויפטראָג פון דער אַמעריקאַנישער מיליטערישער מיסיע. די פּערזאָנען האָבן רעכט אַריבערצופירן 5 מיליאָן מאַרק און צו פאָרן מיט מיליטערישע צוגן. שעף פון דער פּאָליטישער סעקציע. מאַיאָר לאַנדאָווסקי".

דאָס וויכטיקסטע פון דער ערלויבעניש איז געווען דער לעצטער זאַץ אירער, אַז מיר האָבן רעכט צו פאָרן מיט מיליטערישע צוגן, ווייל אַנדערש וואָלטן מיר דעמאָלט קיין ווילנע בכלל ניט געקענט קומען.

און דאָ הייבן זיך אָן אַ גאַנצע ריי נייע געשיכטעס.

אייפן וואָקזאַל האָט מען אונז נאָך אַ געוויסער השתדלות אויפן יסוד פון דער ערלויבעניש געגעבן אין אַ מיליטערישן צוג אַ ספּעציעלע קופּע מיט דער אויפשריפט: „אַמעריקאַנער מיסיע", אָבער מען האָט אונז גלייך געוואָרנט, אַז מען קען אונז ניט גאַראַנטירן צי מיר וועלן דערפאָרן ביזן אָרט, ווייל די צוגן גייען נאָר ביז ביאַליסטאָק און וואָס ווייטער וועט זיין קען מען דאָ ניט וויסן, ווייל פון דאָרט אָן געהערט שוין די שטרעקע צו אַן אַנדער מיליטערישן קרייז. בכלל איז אויפן וואָקזאַל געווען אַן אומבאַשרייבלעכע מהומה. טויזנטער סאָלדאַטן מיט דער פולער אַמוניציע, אָן אַ שיעור מיליטער-לייט, האָבן פאַרנומען אַלע פּלעצער אין יעדן צוג האָט מען גענומען „אין שטורם", וואָס ס׳האָט זיך איבערגעחזרט אויף יעדער סטאַנציע. ס׳איז ניט אַריבער קיין צען מינוט, ווי מען האָט אָנגעקלאַפּט אין אונזער קופּע און ס׳זיינען אַריין אַ זיבן אָפיצירן, וועלכע האָבן פאַרנומען די קופּע ביז די ברעגן, הגם אויך פריער איז ניט געווען איבעריקס פריי צוליב דעם גרויסן אָרט, וואָס ס׳האָבן פאַרנומען די טשעמאָדאַנעס. אויף דער צווייטער סטאַנציע האָבן מיר שוין בכלל אַראָפּגענומען די אויפשריפט פון דער „אַמעריקאַנער מיסיע", ווייל יאָ ווי ניין איז שוין די קופּע געווען פאַרנומען מיט מיליטער-לייט און די אויפשריפט האָט בלויז צוגעצויגן אַן איבעריקע אויפמערקזאַמקייט, וואָס איז געווען ניט אַזוי שטאַרק נייטיק צוליב דאָס געלט, וואָס מיר האָבן געפירט.

דער צוג איז שוין געגאַנגען אַ גאַנצן מעת-לעת און מיר זיינען נאָך געווען ווייט פון ביאַליסטאָק. ער פלעגט זיך לאַנג פאַרהאַלטן אויף פאַרשיידענע צווישן-סטאַנציעס, פלעגט אַראָפּלאָזן און אַרויפלאָזן מיליטער. מיר האָבן שוין קוים געהאַט וואָס צו עסן, מיר האָבן אָבער קיין פאַראיבל ניט געהאַט, ווייל די וואַגאָנעס זיינען געווען אָנגעפילט ביז איבער די טרעפּלעך, הונדערטער מיליטער-לייט פלעגן פאַרבלייבן אויף די סטאַנציעס, — ניט האָבנדיק וואו אַריינצוגיין אין די וואַגאָנעס, — און ס׳איז בלויז געווען אַ וואונדער, וואָס דריי פּריוואַטע פּערזאָנען מיט פיר גרויסע טשעמאָדאַנעס פאַרנעמען אַן אָרט און פאָרן מיט אַזאַ צוג.

ענדלעך זיינען מיר געקומען קיין ביאַליסטאָק און ס׳האָט זיך טאַקע אַרויסגעוויזן, אַז מיר מוזן האָבן אַ נייע ערלויבעניש אויף צו פאָרן ווייטער. ווען ס׳וועט גיין אַ צוג איז אויך אומבאַוואוסט. נאָר מסתמא מאָרגן פרי. ס׳איז שוין געווען נאַכט.

מיר זיינען דעריבער פאַרפאָרן אין אַ האָטעל. דאָרט האָבן מיר זיך באַגעגנט מיט אַ גרופּע יידישע אַרטיסטן פון ווילנע און וואַרשע, וועלכע זיינען פאַרבליבן שטעקן אין וועג און האָבן ניט געקענט ווייטער פאָרן. זיי האָבן אונז שטאַרק מקנא געווען, וואָס מיר באַזיצן אַזאַ וויכטיקן פּאַפּיר און וועלן דאָך אינגיכן קומען קיין ווילנע. ס׳איז געווען גרויס די מורא, אַז מען זאָל בכלל ניט ווערן אָפּגעשניטן. מיר זיינען געווען אויסגעמאַטערט און האָבן שוין געוואָלט זיך לייגן אָפּרוען. דאָך איז איינער פון אונז אַוועק אויפן וואָקזאַל ווידער דערוויסן זיך, ווען מיר וועלן קענען פאָרן און האָט געבראַכט די ידיעה, אַז דער צוג וועט אָפּגיין ביינאַכט און מיר דאַרפן זיין גרייט יעדע רגע. מיר האָבן אַלץ געוואָרפן (ד. לוואָוויטש האָט זיך געהאַלטן אין מיטן ראַזירן און איז אַזוי פאַרבליבן מיט איין באַק ראַזירט און מיט דער אַנדערער באַוואַקסן) און זיינען תיכף אָפּגעפאָרן צום באַן. דאָרט האָבן מיר זיך ווידער געוואַלגערט עטלעכע שעה. די טשעמאָדאַנעס זיינען געלעגן אויף דער ערד, איינער פון אונז איז געזעסן אויף זיי און געהיט פון טויזנטער נייגעריקע און דורשטיקע אויגן און דער אַנדערער איז געגאַנגען זיך משתדל זיין וועגן אַן אָרט אין צוג. אַרום פינף פאַרטאָג האָט זיך אונז איינגעגעבן אַריינצוגיין אין צוג און אָפּצופאָרן. דאָ איז די ענגשאַפט געווען נאָך גרעסער ווי אין וואַרשע. וועגן זיצן האָט שוין קיין רייד ניט געקענט זיין. מיר זיינען געווען צוגעשטופּט אין וואַגאָן צווישן הונדערטער סאָלדאַטן און ס׳איז געווען ניט מעגלעך זיך אַ קער צו טאָן. די טשעמאָדאַנעס האָבן ביי דער גרויסער ענגשאַפט אַלעמען געשטערט און מיר זיינען געווען ווייניק אָנגענומענע געסט, פון וועלכע מען וואָלט גערן פּטור געוואָרן. און ס׳איז טאַקע געווען ניט אָן געפאַר. דער צוג איז געגאַנגען פון סטאַנציע צו סטאַנציע, אָפּשטעלנדיק זיך אָפט און פאַרבלייבנדיק שטיין זייער לאַנג, דורכלאָזנדיק אַנדערע צוגן און אַריבערוואַרפנדיק חייל אין פאַרשיידענע ריכטונגען. פאָרנדיק האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז דער צוג וועט גיין בלויז ביז גראָדנע און דאָרט איז שוין אַן אַנדער מיליטערישער אַמט, ביי וועלכן מיר מוזן ווידער באַקומען אַן ערלויבעניש ווייטער צו פאָרן. אויפן וועג האָבן מיר געהאַט אַן אינצידענט. ס׳איז דורכגעפאָרן אַן אינספּעקציע-צוג פון מיניסטעריום, וועלכער האָט געהאַט, ווי ס׳האָט אויסגעזען, ליידיקע ערטער און איז געגאַנגען עקספּרעס. די אָפיצירן פון אונזער צוג האָבן זיך געוואָלט אַריבערזעצן אַהין, אָבער מען האָט זיי ניט ערלויבט, נאָר מען האָט צוגעזאָגט אַרויסצושיקן אַ צוגאָב-צוג. שפּעטער האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז דער צוגאָב-צוג וועט ניט אָנקומען און זיינען ווייטער אַזוי געפאָרן אין גרויס ענגשאַפט ביז גראָדנע.

אויפן גראָדנער וואָקזאַל האָט זיך איבערגעחזרט דיזעלבע געשיכטע, וואָס אין ביאַליסטאָק. מיר האָבן אויסגעלייגט די טשעמאָדאַנעס, זיך געזעצט זיי היטן און איינער פון אונז איז אַוועק זיך משתדל זיין וועגן פאָרן ווייטער. אַ גאַנצן טאָג האָבן מיר זיך אַזוי אָפּגעוואַלגערט אויפן וואָקזאַל. מיר זיינען געווען שרעקלעך פאַרמאַטערט, ניט געשלאָפן, ניט געוואַשן און ניט געגעסן. די געפאַר פאַר דאָס געלט איז געווען גרויס און מיט קיינעם אויפן גאַנצן וועג האָבן מיר, אַגב, קיין וואָרט ניט אויסגערעדט. און קיינער האָט טאַקע ניט געוואוסט, אַז מיר פירן אָנגעפּאַקטע טשעמאָדאַנעס מיט געלט. אַז מיר פלעגן ווייזן דעם פּאַפּיר דער באַן-מאַכט ביים משתדל זיין זיך וועגן אַ צוג, איז דער רושם וועגן דער סומע געפירטער געלט געווען ניט קיין קלענערער, ווי דער עצם פאַקט, וואָס מיר פאָרן לויטן אויפטראָג פון דער אַמעריקאַנער מיליטערישער מיסיע מיט דער ערלויבעניש פון דער אויבערשטער אָנפירונג פון פּוילישן חייל. און מען דאַרף מודה זיין, אַז די באַציאונג צו אונז איז געווען אַן אַנטקעגנקומענדיקע.

אין גראָדנע איז דער טומל געווען נאָך גרעסער. מיר האָבן שוין געהאַט פאַרלאָרן די האָפענונג אַזוי גיך אָפּצופאָרן, אָבער מיר האָבן ניט אָפּגעטראָטן, זיינען שוין בכלל פון וואָקזאַל ניט אַוועק און נאָך אַ טאָג וואַרטן האָבן מיר סוף-כל-סוף באַקומען אַ צוג. ס׳האָט אונז אָפּגעגאַלטן צו באַקומען אַ קופּע צוזאַמען מיט אַן אָפיציר און עטלעכע זעלנער זיינע. דער אָפיציר האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר זייער אַן אינטעליגענטן מענטשן, איז געווען העפלעך און פריינדלעך און האָט אונז ממש אַרויסגעהאָלפן אין דער סיטואַציע. מיר האָבן אים דערציילט וואָס מיר פירן און צוליב וואָס פאַר אַ צוועק. מיר האָבן זיך בכלל פאַר די גאַנצע צייט צום ערשטן מאָל פונאַנדערגערעדט, — און נ. קאָוואַרסקי האָט מיט זיינע פריילעכע מעשיות אַריינגעטראָגן פרישקייט און מוט. מיר האָבן שוין איינמאָל ניט געהאַט קיין כח און זיינען געווען אינגאַנצן אויסגעשעפּט. אין וועג האָבן מיר זיך נאָך געדאַרפט עטלעכע מאָל איבערזעצן. דער אָפיציר און זיינע סאָלדאַטן האָבן אונז אומעטום געהאָלפן. די סאָלדאַטן האָבן געשלעפּט די טשעמאָדאַנעס און זיי געהיט. דאָס האָט אונז געגעבן די מעגלעכקייט אַראָפּצוגיין אויף די סטאַנציעס און אַריינצוגיין אין בופעטעס עפּעס צו טרינקען און עסן. און אַז מיר זיינען געקומען נאָך די 4 מעת-לעת, וואָס די רייזע האָט געדויערט פון וואַרשע קיין ווילנע, האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דער ווילנער וואָקזאַל איז אָפּגעשלאָסן פאַר ציווילע פּערזאָנען און דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט 3 קילאָמעטער די ווייט פון דער סטאַנציע. דאָ איז אונז ווידער געקומען צוהילף דער אָפיציר מיט זיינע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן אונז געהאָלפן טראָגן די טשעמאָדאַנעס דעם גאַנצן וועג און דורכצוגיין די שפּערע אויפן וואָקזאַל אין שטאָט אַריין. ס׳איז געווען מיטאָג-צייט. די שטאָט האָט אויסגעזען ווי אָפּגעשטאָרבן. ס׳איז געווען קאַלט און טרויעריק. ביים באַן האָבן אומעטיק געוואַרט די פורלעך מיט די אויסגעדאַרטע פערדלעך. די סאָלדאַטן האָבן צוגעטראָגן די טשעמאָדאַנעס און זיי אַרויפגעלייגט אויף די פורלעך. מיר האָבן זיך האַרציק געזעגנט מיט דעם אָפיציר.

אַט דעם פריינדלעכן אָפיציר, ווי אויך דעם גוטן הומאָר פון נ. קאָוואַרסקי, האָבן מיר שטאַרק צו פאַרדאַנקען, וואָס מיר זיינען אָנגעקומען בשלום קיין ווילנע.

מיר האָבן ענדלעך פריי אָפּגעאָטעמט און געקומען צו זיך, ערפילנדיק אונזער מיסיע אין דער פולסטער מאָס. אין קאָמיטעט האָט מען שוין אויף אונז לאַנג געוואַרט. מיר האָבן געעפנט די טשעמאָדאַנעס און זיינען גלייך צוגעטראָטן צו דער רעטונגס-אַקציע. די אַרבעט איז ניט איבערגעריסן געוואָרן אויף אַ מינוט.

מ. שאַליט.

# פון סעפטעמבער 1919 ביז מערץ 1924

**באַריכטן צו דער צווייטער און דריטער קאָנפערענץ פון „יעקאָפּאָ" אין ווילנע).**

I.

**באַריכט צו דער צווייטער קאָנפערענץ (5–6–7 דעצעמבער 1921).**

**דער** גרונטשטיין צו אונזער אָרגאַניזאַציע אין דער ברייטער געזעלשאַפטלעכער פאָרם, אויף דעמאָקראַטישע יסודות, איז בעלייגט געוואָרן דעם 8–9–10 סעפטעמבער 1919 אויף אונזער ערשטער געגנט-קאָנפערענץ.

**די** דאָזיקע קאָנפערענץ, אין וועלכער ס'האָבן זיך באַטייליקט 83 דעלעגאַטן פון 74 שטעט און שטעטלעך פון דער גאַנצער געגנט, האָט אויסגעאַרבעט דעם פּלאַן פון דער ווייטערדיקער אַרבעט, האָט פעסטגעשטעלט די פּראָצענטועלע פונאַנדערטיילונג פון ביודזשעט, האָט אַריינגעטראָגן אַ קלאָרקייט און פעסטע אָרדענונג אין דער אָרגאַניזירונג פון געגנט-קאָמיטעט און אַלע אָרטיקע קאָמיטעטן און נאָכן אָננעמען דעם רעגולאַמין און דעם מאָדוס פון די וואַלן האָט זי אויסגעקליבן די עקזעקוטיווע, דעם געגנט-קאָמיטעט און די איבעריקע אָרגאַנען און האָט איינגעשטעלט די גאַנצע קאָנסטיטוציע פון אונזער אָרגאַניזאַציע.

**פון** אַ פּריוואַטער יריפּע כלל-טוער איז דער געגנט-קאָמיטעט אויף אַזאַ אופן געוואָרן אַ באַרעכטיקטע פאָרשטייערשאַפט פון דער פּראָווינץ פאַר אַלע פראַגן פון הילף און אויפבוי.

**די** דערמאָנטע גרופּע כלל-טוער, וועלכע האָט פון דאָס ניי געגרינדעט דעם קאָמיטעט דעם 16 פעברואַר 1919, האָט געאַרבעט מיט אַ באַזונדערער ענערגיע און שוין אין 7 חדשים אַרום האָט זי צונויפגערופן די קאָנפערענץ, וועלכער זי האָט איבערגעגעבן די גאַנצע אַרבעט. פאַר די זיבן חדשים איז אַ סך אויפגעטאָן געוואָרן און די קאָנפערענץ האָט אָנערקענט די אויפטוען אין דער פולער מאָס.

**ביי** אויסערסט שווערע באַדינגונגען איז דאַן אויסגעקומען צו אַרבעטן און די ערשטע פראַגע איז געווען — הילף און תמיכה אין פשוטן זין פון וואָרט.

**און** שוין דאַן האָט זיך די קאָנפערענץ, פונדעסטוועגן, געשטעלט העכער פון דער טעגלעכער נויט און האָט איינגעשטעלט אַ פאַרהעלטעניש צווישן די פאַרשיידענע מינים הילפס-אַרבעט, וואָס האָט פאַרויסגעזען אויף דערנערונג 40 פּראָצ. און אויף קולטורעלע, פּראָדוקטיווע און מעדיציניש-סאַניטאַרע הילף — 60 פּראָצ. פון ביודזשעט.

פון דער ערשטער מינוט אָן האָט זיך דער געגנט-קאָמיטעט אויף אַזאַ אופן געשטעלט אויף דעם ריכטיקן וועג פון אויפבויען דעם חרוב-געוואָרענעם יידישן לעבן און די סיסטעם אַפילו פון דער תמיכה גופא איז אויך געווען אַ פּראָדוקטיווע. די אַרבעט, וואָס איז אָנגעהויבן געוואָרן פאַר דער קאָנפערענץ איז דורך דער קאָנפערענץ פאַרטיפט און פאַרברייטערט געוואָרן און גלייכצייטיק האָט זיך אויך אָנגעהויבן די אָרגאַניזירונג פון די געזעלשאַפטלעכע כוחות, ווייל דער געגנט-קאָמיטעט האָט אַנדערש ניט דורכגעפירט קיין אַרבעט ווי נאָר דורך קהילות און קאָמיטעטן אויף די ערטער, וועלכע האָבן זיך אַלץ מער און מער געגרינדעט.

דער געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ" איז געוואָרן די איינציקע צענטראַלע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציע, געשטיצט אויף אָרטיקע כוחות, פאַר דער גאַנצער געגנט,— ניט שטערנדיק, אָבער, איינצושליסן אַלע אַנדערע אָרגאַניזאַציעס.

אַזוי איז דורך דעם געגנט-קאָמיטעט געגאַנגען די שטיצע אויך פאַר „אָרט" און „אָזע", וועלכע זיינען מיט דער צייט געוואָרן זעלבסטשטענדיקע אָרגאַניזאַציעס אין די געביטן פון זייער אייגנטלעכער אַרבעט און „יעקאָפּאָ" האָט זיי אַליין איבערגעגעבן די געהעריקע פונקציעס. דער קאָנטאַקט מיט זיי איז, אָבער, פאַרבליבן אויך אויף ווייטער.

דער געגנט-קאָמיטעט האָט פאַרשפּרייט זיין הילף אויך אויף די ערטער מחוץ זיין ראַיאָן, וואו צוליב די מיליטערישע געשעענישן און פאָדערונגען פון מאָמענט איז דאָס תיכף נויטיק געווען. אַזוי, למשל, האָט אין אָקטאָבער 1919 אַ דעלעגאַציע פון געגנט-קאָמיטעט באַזוכט מינסק און האָט דאָרט אַרויסגעגעבן אַ גרעסערע סובסידיע און אַזוי אויך האָט אַ באַפולמעכטיקטער פון „יעקאָפּאָ" אין פעברואַר 1920 ספּעציעל באַזוכט דווינסק און געגעבן די נויטיקע שטיצע.

די באַשלוסן פון דער קאָנפערענץ, ווי אויך אַלע באַשלוסן פון די ווייטערדיקע פּלענומס פון געגנט-קאָמיטעט, זיינען פולשטענדיק דורכגעפירט געוואָרן אין לעבן.

די פּלענומס פון געגנט-קאָמיטעט ביי דער באַטייליקונג פון די 35 אויסגעוויילטע דורך דער קאָנפערענץ מיטגלידער זיינען פאָרגעקומען 6 מאָל און לויט דעם תוך פון זייער אַרבעט זיינען זיי געווען קלענערע קאָנפערענצן, וועלכע האָבן נאָרמירט די טעטיקייט פון „יעקאָפּאָ", וועלכע האָט זיך כסדר פאַרגרעסערט. אויף די פּלענומס זיינען אָפּגעגעבן געוואָרן גענויע באַריכטן וועגן דער לויפנדער אַרבעט, געלט-באַריכטן, באַריכטן וועגן די לאַגערן פאַר פּראָדוקטן, מעדיקאַמענטן, זאַכן, וועש און קליידער, וועגן די גרויסע באַשטעלונגען פון שיך, בגדים א. א., וואָס „יעקאָפּאָ" פלעגט באַקומען ביים ד. ד. ק. א. א. און דערמיט העלפן אויף אַ ממשותדיקן אופן די אַרבעטער און האַנטווערקער: ס'זיינען געהאַלטן געוואָרן רעפעראַטן וועגן אַלע וויכטיקסטע צווייגן פון דער נאָענטסטער אַרבעט און אָנגענומען געוואָרן די געהעריקע רעזאָלוציעס.

אַזוי זיינען אויף די פּלענומס גענוי באַטראַכט געוואָרן די פראַגן פון קינדער-דערנערונג און ק. פּ. ד. (רעפעראַטן פון י. ראַזאָווסקי און ד"ר לעווין), מעדיצינישע הילף (ד"ר יאַבראָוו), פּראָפעסיאָנעלע בילדונג (אינזש. א. ג. קלעבאַנאָוו), יורידישע הילף (אַדוו. אייגל), ביודזשעט (מ. שאַליט), אינטערנאַט (ד"ר ג. א. קאָוואַרסקי), פּעדאַגאָגישע קורסן און ביבליאָנער (מ. שאַליט) און אַ גאַנצע ריי אַנדערע.

אויף די פּלענומס פלעגן אויך אָפּגעגעבן ווערן גענויע באַריכטן וועגן די רייזעס פון די דעלעגירטע מיטגלידער אין שליחות פון געגנט-קאָמיטעט און וועגן זייערע אונטערהאַנדלונגען מיט די געהעריקע אָרגאַניזאַציעס און געזעלשאַפטן.

אַריבערגייענדיק כראָנאָלאָגיש צו די פּראַקטישע אויפטוען פון געגנט-קאָמיטעט, קענען מיר זיך אָפּשטעלן, צוליב דער גרויסער מאַסע פאַקטן, בלויז אויף די וויכטיקסטע און גרעסערע פון זיי.

זייענדיק אין די ערשטע צייטן פון זיין טעטיקייט אַ צענטראַלע און איינציקע אָרגאַניזאַציע פאַר אַלע באַדערפענישן פון דער יידישער פּראָווינץ, אַרויסגעבנדיק סובסידיעס אַלע יידישע קהילות און הילפס-קאָמיטעטן אויף דערנערונג, קולטור און בילדונג, מעדיצין, קאָאָפּעראַציע א. א., האָט דער געגנט-קאָמיטעט געציילט הונדערטער אַנשטאַלטן, ווי קיכן, שולן, ביבליאָטעקן, גמ"ח, ליי- און שפּאַר-קאַסעס, געבורכס-קאָאָפּעראַטיוון, בקור-חולימס און אַ ריי אַנדערע, אָבער גלייכצייטיק האָט ער געשאַפן נייע אָנפירנדיקע אַנשטאַלטן און נייע אויפבויענדיקע איינריכטונגען, וואָס האָבן אַריינגעטראָגן אַ סיסטעם.

אין די פֿאַרשיידענע געביטן פֿון אַרבעט און האָבן זיך אָפּגערופֿן אויף די פֿאָדערונגען פֿון לעבן און זיי באַפֿרידיקט.

שוין אין נאָוועמבער 1919 האָט דער געגנט־קאָמיטעט צוזאַמען מיט דער ווילנער קהילה געלייגט דעם יסוד צו דער ערשטער סאָלידער לער־אַנשטאַלט אויף אויסצובילדן יידישע און העברעאישע לערער, — די פּעדאַגאָגישע קורסן, וועלכע האָבן עקסיסטירט צוויי יאָר צייט אונטער דער געמיינזאַמער פֿאַרוואַלטונג פֿון „יעקאָפּאָ“ און דער ווילנער קהילה און האָבן אַרויסגעלאָזן אַ ריי לערער פֿאַר אונזערע פֿאָלקסשולן.

אין דעצעמבער 1919 האָט דער געגנט־קאָמיטעט געלייגט דעם יסוד צו דער ערשטער פּראָפֿעסיאָנעלער שול אין דער פּראָווינץ, וועלכע האָט זיך אין מאַי 1920 געעפֿנט אין אָשמענע — פֿאַר מענער־ און פֿרויען־שניידעריי — און האָט פֿונקציאָנירט מיט ערפֿאָלג. דער געגנט־קאָמיטעט האָט גלייכצייטיק געמאַכט אַלע הכנות פֿאַר נאָך אַ פּאָר פֿאַך־שולן און איז געווען אין דעם פּרט דער פֿולשטענדיקער פּיאָנער בנוגע אונזער פּראָווינץ.

אין יאַנואַר 1920 האָט דער געגנט־קאָמיטעט געעפֿנט אין ווילנע, אויף אַנטאָקאָל אין אַ פּראַכטפֿולן בנין, אַ צענטראַלן אינטערנאַט פֿאַר די פֿאַרוואָרלאָזטע פּראָווינץ־יתומים און אין אַ געוויסער צייט אַרום — אַ וואַרשטאַט פֿאַר שוסטעריי ביים אינטערנאַט. פֿאַר אַלגעמיינע למודים פֿון די אינטערנאַט־קינדער האָט דער קאָמיטעט סובסידירט די אַנטאָקאָלער פֿאָלקסשול.

אין מערץ 1920 האָט דער געגנט־קאָמיטעט געעפֿנט קורסן פֿאַר קאָאָפּעראַציע און צוזאַמען מיט „אָזע“ און צ. ב. ק. — פֿרעבל־קורסן. ביידע קורסן זיינען דערפֿירט געוואָרן ביזן סוף און האָבן געהאַט די אויפֿגאַבע צו געבן דער פּראָווינץ און שטאָט די פֿעלנדע כּוחות אויף די געהעריקע געביטן.

אין מאַי 1920 האָט דער געגנט־קאָמיטעט „יעקאָפּאָ“ צוזאַמען מיט דער ווילנער געזעלשאַפֿט „משמרת חולים“ פֿון ס'ניי רעמאָנטירט, איינגעאָרדנט, געעפֿנט און אויסגעהאַלטן דעם שפּיטאָל פֿון „משמרת חולים“, וועלכער האָט געבראַכט זייער אַ סך נוצן די פּראָווינציעלע קראַנקע און איז געוואָרן שטאַרק פּאָפּולער.

אין יאַנואַר 1921 איז נאָך אַ ריי הכנות און השתדלותן באַקומען געוואָרן די ערלויבעניש צו עפֿענען אין ווילנע די יידישע קאָאָפּעראַטיווע פֿאָלקסבאַנק, — די ערשטע יידישע צענטראַלע געזעלשאַפֿטלעכע באַנק אין פּוילן. דאָס איז אַן אויפֿטו פֿון אַ גרויסער עקאָנאָמישער באַדייטונג, און ער דאַרף אינגאַנצן צוגעשריבן ווערן דער איניציאַטיוו פֿון „יעקאָפּאָ“, וועלכע האָט אויך געגעבן דער באַנק די ערשטע מיטלען און פֿאַרבינדונגען און אויך אַ ריי פֿאַרמיטלונגס־אָפּעראַציעס. אין יולי 1921 איז שוין די באַנק געווען פֿולשטענדיק אָרגאַניזירט און האָט אָנגעהויבן צו פֿונקציאָנירן.

אין יוני 1921 האָט לויט אַ באַשלוס פֿון פּלענום פֿון געגנט־קאָמיטעט אָנגעהויבן צו ערשיינען דער זשורנאַל „אונזער הילף“, דער איינציקער אָרגאַן אין פּוילן פֿאַר הילף־ און אויפֿבוי־פֿראַגן.

פּאַראַלעל מיט די אַנשטאַלטן זיינען אויך געוואַקסן די געביטן פֿון אַרבעט.

נאָך אין נאָוועמבער 1919 זיינען אַריבער אין „יעקאָפּאָ“ אַלע אויסצאָלונגען פֿון די אַמעריקאַנער קרובים־געלטער, וואָס זיינען געגאַנגען דורך דעם „דזשוינט דיסטריביושן קאָמיטעט“ און שפּעטער איז אין „יעקאָפּאָ“ קאָנצענטרירט געוואָרן אויך די אויסצאָלונג פֿון טשעקן און די אַרויסגעבונג פֿון אַוואַנסן אויף זיי, — דאָס איז אין אַ משך פֿון אַ לאַנגער צייט געווען אַן אמתע ישועה פֿאַר צענדליקער טויזנטער מענטשן, וואָס זיינען געווען אָנגעוויזן אויף די הילף פֿון זייערע קרובים מעבר לים און וואָס וואָלטן אויף אַן אַנדער וועג גרעסטנטיילס אָדער גאָרניט באַקומען, אָדער וואָלטן באַשווינדלט און באַרויבט געוואָרן.

דאָ דאַרף אויך דערמאָנט ווערן, אַז „יעקאָפּאָ“ האָט אין אַ ריי פֿאַלן מיט איר השגחה און מיטהילף אויך נאָרמירט די טעטיקייט פֿון די אַזויגערופֿענע דעלעגאַטן (פֿון אַמעריקאַנער רעליעפֿן), וואָס זיינען ניט אַלע מאָל געשטאַנען אויף דער געהעריקער הויך.

אין אַפּריל 1920 איז „יעקאָפּאָ“ די ערשטע אַריין אין פֿאַרבינדונגען מיט „היאַס“ דורך די צוויי ערשטע קאָמישאַנערס, וואָס די גרויסע אַמעריקאַנער יידישע עמיגראַציע־געזעלשאַפֿט האָט דעלעגירט קיין פּוילן. פֿון דאַן אָן האָט „היאַס“ איבערגעגעבן „יעקאָפּאָ“ די פֿולמאַכטן אויף עמיגראַציע־אַרבעט אין גאַנצן „יעקאָפּאָ“־ראַיאָן און די אַרבעט ווערט געפֿירט אינטענסיוו און פּלאַנמעסיק.

אין פֿעברואַר 1921 האָט „יעקאָפּאָ“ אָנגעהויבן אונטערהאַנדלונגען מיט יק"א, וועלכע האָבן איינגיכן געגעבן קענטיקע און ממשותדיקע רעזולטאַטן אויפֿן געביט פֿון אויפֿבויען די חרוב־געוואָרענע פּונקטן און אויפֿן געביט פֿון קרעדיט־קאָאָפּעראַציע.



די פֿאַרצווייגטע אַרבעט האָט אַרויסגערופֿן די נויטיקייט פֿון ספּעציעלע צוזאַמענפֿאָרן און פֿאַך־באַראַטונגען. אַזוי האָט „יעקאָפּאָ“ אָרגאַניזירט סוף מערץ 1921 צוזאַמענפֿאָרן פֿון די ליי־ און שפּאָר־קאַסעס און פֿון די קאָאָפּעראַטיוון און אין נאָוועמבער 1921 — אַ פֿאַך־באַראַטונג וועגן דער אויפֿבויאונגס־אַרבעט. די צוזאַמענפֿאָרן און די באַראַטונג האָבן געגעבן וויכטיקע אָנווייזונגען פֿאַר דער ווייטערדיקער אָנפֿירונג מיט די אַרבעטן.

דער שינוי אין דער סובסידירונג פֿון די שולן און זייער גרופּירונג אַרום די בילדונגס־צענטראַלעס האָט אַרויסגערופֿן די נויטיקייט פֿון אַ באַזונדערן פּראָווינציעלן לערער־צוזעמענפֿאָר, וואָס „יעקאָפּאָ“ האָט צונויפֿגערופֿן אָנהייב אַפּריל 1921 און וועלכער האָט דורכגעפֿירט די אָפּגרענעצונג אין דער אָנפֿירונג מיט די שולן און איר פֿונאַנדערטיילונג לויט די ריכטונגען און די געהעריקע בילדונגס־צענטראַלעס.

חוץ די אָפּטיילונגען פֿאַר 'געלט־אָנווייזונגען (מיט דער עפֿענונג פֿון באַנק איז זי אַריבער אַהין), עמיגראַציע, אויפֿבויאונג, קאָאָפּעראַציע און יורידישע הילף, האָבן גלייכצייטיק זייער אינטענסיוו געאַרבעט אויך די פֿאַרשיידענע אַנדערע אָפּטיילונגען פֿון „יעקאָפּאָ“, ווי די היימלאָזע־אָפּטיילונג מיט איר פֿאַרצווייגטן אַפּאַראַט פֿון אַלע מינים הילף פֿאַר די טויזנטער רעעמיגראַנטן און היימלאָזע, מיט אירע היימלאָזע־ביוראָען, קיך, קינדערהיים (די היים האָט עקסיסטירט אין דער צייט, ווען דורך ווילנע זיינען געגאַנגען גרעסערע עשאַלאָנען), לאַגערן פֿון פּראָדוקטן און זאַכן, באַזאָרגונג פֿון היימלאָזע אין מעדיצינישע און אַנדערע אַנשטאַלטן וכדומה און ווי דער ביכער־לאַגער, וואָס שפּייזט אונזערע שולן און ביבליאָטעקן מיט אַ צוטריטלעכן יידישן און העברעאישן בוך.

פֿון יאַנואַר 1921 האָט „יעקאָפּאָ“ אָנגעהויבן צו באַקומען פֿון צייט צו צייט געוויסע געלט־מיטלען פֿון דער רעגירונג פֿאַר אונזערע פֿאָלקסשולן אין דער פּראָווינץ.

אין קאָרגע ציפֿער וועט זיך די טעטיקייט פֿון איינִיקע אָפּטיילונגען פֿאַר דעם באַריכטס־פּעריאָד אויסדריקן אין פֿאָלגנדע דאַטן: היימלאָזע זיינען באַזאָרגט געוואָרן איבער 13.500; עמיגראַנטן זיינען באַדינט געוואָרן איבער 20.000; קרובים־געלטער זיינען אויסגעצאָלט געוואָרן איבער 200.000.000 מ.; אויפֿגעבויט זיינען געוואָרן און ס'בויען זיך איבער 525 הייזער, געזעלשאַפֿטלע־

כע בנינים ביי 20; דער ביכערלאַגער אָפּעריִרט מיט אַ סכום פון קרוב 70.000 עקז.

„יעקאָפּאָ" האָט באַקומען געלט־מיטלען אויף איר אַרבעט פון ד. ד. ק., יק"א, לאָנדאָנער אוקראַאינער קאָמיטעט, — און בנוגע עמיגראַציע האָט זי געאַרבעט אין ענגסטער פאַרבינדונג מיט „היאַס".

ס'איז זייער אינטערעסאַנט זיך אָפּצושטעלן אויף יעדער איינער פון די דאָזיקע גרויסע אָרגאַניזאַציעס, ווייל פון איין זייט זיינען דאָס ביז איצט געווען די מקורים פון די געלט־מיטלען, אַזוי צו זאָגן די אויסערע באַוועגנדע כוחות פון דער גאַנצער טעטיקייט, — און פון דער אַנדער זייט כאַראַקטעריזירט זייער באַציאונג צו „יעקאָפּאָ" אונזער אייגענע אָרגאַניזאַציע און איר קראַפט.

אין אונזער גאַנצער געגנט איז די אַרבעט פעסט אָרגאַניזירט פון „יעקאָפּאָ" אויף געזעלשאַפטלעכע יסודות און מחמת דעם ווערט די גאַנצע אַרבעט געטאָן נאָר דורך „יעקאָפּאָ", דהיינו דורך די אייגענע אָרגאַניזירטע כוחות פון אונזער געזעלשאַפטלעכקייט.

דער „דזשוינט", וועלכער האָט אין גרעסטן טייל געגנטן געאַרבעט זעלבסטשטענדיק, האָט ביי אונז געפונען אַ פאַרטיקע אויסגעפּרובטע אָרגאַניזאַציע מיט אַ גרויסן געזעלשאַפטלעכן צוטרוי, און ס'איז שוין אַבסאָלוט געווען איבעריק און אויך אוממעגלעך אַ פרעמדע אַריינמישונג. דאָס האָט גלייך צוגעגעבן אונזער אַרבעט גאָר אַן אַנדער חשיבות און האָט אויסגעמיטן די פעלערן, וועלכע דער „דזשוינט" איז באַגאַנגען אַנדערשוואו. חוץ דעם האָבן מיר, מיט אונזער אַרבעט און אָרגאַניזירטקייט, ניט ווייניק און ניט זעלטן געווירקט אויף דעם „דזשוינט" אין זין פון אַ מער פּלאַנמעסיקן און קאָנסטרוקטיוון כאַראַקטער פון זיין טעטיקייט.

דער „דזשוינט דיסטריביושן קאָמיטעט" איז ביי היינטיקן טאָג רעאָרגאַניזירט אויף די יסודות פון 4 ספּעציעלע דעפּאַרטאַמענטן, דהיינו: קאָנסטרוקטיווער, מעדיצינישער, היימלאָזע און מלחמה־יתומים. ניט אַלע אַרבעטן גלייך און ניט צו אַלע קען דעריבער זיין איין און דיזעלבע באַציאונג.

די הילף פון „דזשוינט", אָבער, אין אַלגעמיינעם איז פון אַן אומגעהויערער באַדייטונג און וועט אייביק פאַרבלייבן אין דער געשיכטע.

יק"א האָט אונז געגעבן גרעסערע קרעדיטן אויף די אויפבויאונג פון די חרוב־געוואָרענע פונקטן און דער באַנק



האָט זי געגעבן אַ קרעדיט פאַר אונזערע ליי־ און שפּאָר־קאַסעס. ס'דאַרף אָנערקענט ווערן דער אינטערעס און די ערנסטקייט, מיט וועלכע יק"א האָט זיך גלייך אָפּגערופן אויף אונזער ווענדונג און האָט געגעבן די מעגלעכקייט אַוועקצושטעלן און צו אַנטוויקלען אויף באַוואָרנטע יסודות די אויפבוי־אַקציע.

ס'דאַרף באַטאָנט ווערן די וואַרימע באַציאונג, וואָס דער לאָנדאָנער אוקראַינער קאָמיטעט האָט אַרויסגעוויזן צום גורל פון די פאַרוואָגלטע פון רוסלאַנד און אוקראַינע, וואָס קערן זיך איצט אום אין זייערע אַלטע היימען און האָבן ניט קיין מעגלעכקייט זיך אויפצובויען. מיט זיין סובסידיע דורך „יעקאָפּאָ" האָט ער אַ סך פון זיי געהאָלפן און האָט אַריינגעטראָגן אַ געוויסן חלק אין דער פאַרענטפערונג פון דער גרויסער הילפס־פּראָבלעם.

„היאַס" איז אַ מעכטיקע הילפס־אָרגאַניזאַציע און טוט זייער אַ סך אויף דעם אומגעהויער וויכטיקן פעלד פאַר די ברייטסטע יידישע פאָלקס־מאַסן געביט פון עמיגראַציע. פאַר אונזער גאַנצער געגנט, — ווילנע און די גרויסע פּראָווינץ, — האָט „יעקאָפּאָ" די פולמאַכט פון „היאַס" צו פירן אָט די אַרבעט.

אַ גרויסער טייל אַרבעט פון „יעקאָפּאָ" ווערט געפירט אויף די געזונטע יסודות פון קרעדיט, און „יעקאָפּאָ" באַקומט און צאָלט אָפּ פּינקטלעך צוריק דאָס אַנטליִענע געלט.

„יעקאָפּאָ" האָט די גאַנצע צייט ניט אויפגעהערט צו וועקן די זעלבסט־טעטיקייט און נאָך מיט אַ צייט צוריק האָט זי אויסגעאַרבעט און געשטעלט צום סדר־היום די פראַגע פון אייגענע מיטלען אויף די ערטער און מען דאַרף האָפן, אַז וואָס ווייטער וועט דער ערפאָלג זיין גרעסער.

אויף אַזאַ אופן האָט דער געגנט־קאָמיטעט „יעקאָפּאָ" אין משך פון די צוויי יאָר פון דער ערשטער קאָנפערענץ ביז איצט פילפאַך פאַרברייטערט דעם אומפאַנג און תוך פון זיין טעטיקייט און האָט פאַרטיפט און פאַרגרעסערט די אויפבוי־אַרבעט.

די היימלאָזע־אַרבעט, די עמיגראַציע, די קרובים־געלטער, די קרעדיט־ענינים, די פּראָדוקטיווע־הילף, די קולטור־אַרבעט דורך דעם ביכער־לאַגער א. א. האָט ער געטאָן הן אין שטאָט והן אין דער פּראָווינץ און איז ביי היינטיקן טאָג אויסגעוואַקסן אין די איינפלוסרייכסטע צענטראַלע יידישע אָרגאַניזאַציע פאַר פּראַקטישע הילף־ און אויפבוי־אַרבעט.





## II.

### באַריכט צו דער דריטער קאָנפערענץ (9—10 מערץ 1924).

די היינטיקע קאָנפערענץ האָט דעם באַזונדערן חותם, וואָס זי פאַלט צונויף מיטן 5־יאָריקן יובילײ פון געגנט־קאָמיטעט „יעקאָפּאָ" אין ווילנע. אויב אונזער ערשטע קאָנפערענץ דעם 8—9—10 סעפּטעמבער 1919 האָט געהאַט דעם צוועק צו לייגן דעם יסוד פאַר אונזער קאָנסטיטוציע און צו אָרגאַניזירן אונזער הילפס־טעטיקייט, האָט די צווייטע קאָנפערענץ דעם 5—6—7 דעצעמבער 1921 געהאַט פעסטצושטעלן אונזער טעטיקייט אין רעכטן ברעג, ווען זי האָט אָנגעהויבן צו פאַרנעמען די ברייטסטע אויפבוי־פאָרמען, — און אונזער איצטיקע דריטע קאָנפערענץ דעם 9—10 מערץ 1924 האָט שוין די מעגלעכקייט אונטערצוציען געוויסע סך־הכּלען אויפן סמך פון זייער אַ גרויסע פּראַקטיק און אומאויפהערלעכע אויפטוען אויף אַלע געביטן פון יידישן צוראינירטן לעבן אין די שווערע יאָרן פון חורבנות, אָקופּאַציעס און נאָכווייענישן.

דער באַריכט נעמט אַרום פאָלגנדע געביטן פון אַרבעט:

1) היימלאָזע־ענינים, הלוואות, רעעמיגראַנטן, רעעוואַקואַציע; 2) אויפבויאונג פון די חרוב־געוואָרענע פון דער מלחמה־הייזער; 3) מעבל פאַר די בונים; 4) געזעלשאַפטלעכע בנינים; 5) יתומים־ און קינדער־פאַרזאָרגונג; 6) יורידישע הילף; 7) עמיגראַציע; 8) ביכער־לאַגער; 9) פאַרשיידענע מינים הילף; 10) באַציאונגען מיט די צענטראַלע הילפס־ און אויפבוי־אָרגאַניזאַציעס; 11) אינעווייניקסטע אַרבעט פון קאָמיטעט.

1) אין יאָר 1922 האָט „יעקאָפּאָ" פאַררעגיסטרירט און געגעבן הילף 8759 היימלאָזע און רעעמיגראַנטן; אין יאָר 1923 — 2396 היימלאָזע און רעעמיגראַנטן, — צוזאַמען פאַר די באַריכטצייט — 11155 פּערזאָן. די הילף איז געווען אַ פאַרשיידנאַרטיקע און האָט אַרומגענומען אַלע באַדערפענישן פון די היימלאָזע און רעעמיגראַנטן: דערנערונג; וועש, קליידער און שיך; מעדיצינישע הילף; יורידישע הילף; שפּעטער — הילף אין דער פאָרם פון הלוואות אויף איינאָרדענען זיך; קינדער־פאַרזאָרגונג; קולטורעלע הילף.

אין יאָר 1922 און אָנהייב 1923 האָט „יעקאָפּאָ" אויסגעהאַלטן אין די גרענעץ־פונקטן און אין די גרעסערע רעעמיגראַציע־פונקטן 12 ספּעציעלע ביוראָען און קאָמיסיעס פאַר היימלאָזע־ און

רעפּאַטריאַציע-ענינים, דהיינו: א) פאַר טראַנזיט-היימלאָזע און רעפּאַטריאַנטן: 1) ווילנע, 2) מאָלאָדעטשנע, 3) לידע, 4) ראַקאָוו, 5) ניי-סווענציאַן, 6) גרויס-ווילייקע, 7) ראַדאָשקאָוויטש, 8) גלובאָקע, 9) נאָוואָגרודאָק, 10) דיסנע; ב) צו באַדינען די אָרטיקע רעעמיגראַנטן: 1) סמאָרגאָן, 2) ווידז.

אין סמאָרגאָן און ווידז, וואו די רעפּאַטראַציע איז געווען באַזונדערס קאָנצענטרירט, האָט „יעקאָפּאָ" סוף יאָר 1922 און אָנהויב 1923 רעמאָנטירט און אויפגעבויט פון דאָס ניי 7 בנינים אַלס מאַסן-וואוינונגען פאַר די היימלאָזע רעעמיגראַנטן, — 5 בנינים אין סמאָרגאָן און 2 אין ווידז.

אויף קינדער-פאַרזאָרגונג זיינען אין משך פון די יאָרן 1922 און 1923 אַרויסגעגעבן געוואָרן ספּעציעלע סומעס אין סמאָרגאָן, ווידז און קרעווע.

אין סמאָרגאָן האָט די אַקציע פאַר קינדער-פאַרזאָרגונג אָנגענומען באַזונדערס ברייטע פאָרמען. אַזוי האָט דאָרט עקסיסטירט פון 16 יאַנואַר 1923 ביז 24 אַפּריל 1924 אַ דערנערונגס-פּונקט פאַר 160 קינדער און פון 10 דעצעמבער 1922 ביז פּסח 1924 אַ מאָדערנער אינטערנאַט פאַר 60 קינדער מיט אַ סטאָלעריי-וואַרשטאַט פאַר יינגלעך און אַ נייטעריי פאַר מיידלעך.

חוץ געלט-שטיצע איז בערך 20000 היימלאָזע און רעעמיגראַנטן אַרויסגעגעבן געוואָרן — פון אַווגוסט 1919 ביז פעברואַל 1924 — 56942 שטיק וועש; 19429 בגדים; 17932 פאָר שיך; 10156 פוד פאַרשיידענע פּראָדוקטן; 20609 פּושקעס קאָנדענסירטע מילך און ביסקוויט; 12470 פונט זייף.

די געלט-שטיצע פאַר די היימלאָזע און רעעמיגראַנטן האָט פאַר די צוויי יאָר פון באַריכט באַטראָפן בערך 25000 דאָל.

הלוואות רעעמיגראַנטן איז אַרויסגעגעבן געוואָרן 707 אין אַ סומע פון 2500 דאָלאַר, וואָס האָט געגעבן די מעגלעכקייט איינצואָרדענען זיך איבער 500 פאַמיליעס פון היימלאָזע און רעפּאַטריאַנטן, גרעסטנטיילס פּראָדוקטיווע עלעמענטן.

פון יולי ביז דעצעמבער 1923 האָט „יעקאָפּאָ" געהאַט צו טאָן מיט אַ נייעם גירוש. 146 פאַמיליעס (313 פּערזאָן) זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרן פון ווילנע און געגנט קיין רוסלאַנד, ליטע א. א. די רעעוואַקואַציע האָט פאַר דעם האַלב יאָר צייט אָפּגעקאָסט איבער 2000 דאָל., דערהויפּט אויף רייזע-הוצאות און שטיצע אויפן וועג, וואָס האָט אָפּגעראַטעוועט די מגורשים פון פאַרשיידענע ענויים, עטאַפּ, אַרויסשיקונג מיט צוואַנג וכדומה.



2) די רעפּאַטריאַנטן, וועלכע האָבן זיך אומגעקערט צוריק אין זייערע אַלטע היימען — סמאָרגאָן, ווידז, קרעווע, ווישנעווע, ליובטש, קאָרעליטש, האָראָדישטש, ליאַכאָוויטש א. א., — האָבן געפונען די היימען חרוב ומוחרב און נאָך דער ערשטער גיכער הילף פון „יעקאָפּאָ", קוּמענדיק צו זיך, האָבן זיי אָנגעהויבן אויפצושטעלן זייערע הייזער. און דאָ איז „יעקאָפּאָ" געקומען צו הילף מיט באַדייטנדע קרעדיטן, אָן וועלכע ס'וואָלט געווען לחלוטין אוממעגלעך די אויפריכטונג פון די דאָזיקע ישובים. פאַר די צוויי יאָר פון באַריכט זיינען אויפגעבויט געוואָרן מיט דער הילף פון „יעקאָפּאָ" 1308 הייזער, וואָס האָט איינגעאָרדנט איבער 5000 רעעמיגראַנטן, אַרויסראַטעווענדיק זיי פון די אָקאָפּעס, קעלערס, מאַסן-וואוינונגען און לעכער, שאַפנדיק פאַר זיי מענטשלעכע באַדינגונגען פון לעבן און שטעלנדיק זיי אויף אַ פעסטן יסוד פון אַ זעלבסטשטענדיקן קיום.

דער קרעדיט אויף די הייזער האָט באַטראָפן אין די צוויי יאָר בערך 70000 דאָלאַר.

3) אין די הייזער איז געווען נייטיק מעבל, די עלעמענטאַרסטע מעבל. דער רעעמיגראַנט, שוין האָבנדיק דאָס הויז, האָט אָפטמאָל נאָך אַלץ ניט געהאַט אויף וואָס אָוועקצולייגן די קאָפּ, אויף וואָס צו זיצן און עסן. „יעקאָפּאָ" האָט דעריבער איינגעפירט אַ ספּעציעלן קרעדיט,—אָפטמאָל איז ער געגאַנגען פּאַראַלעל מיטן קרעדיט אויפן הויז, — אויף מעבל און האָט אויך אַרויסגעגעבן דעם דאָזיקן קרעדיט אין נאַטור. אַזוינע הלוואות זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן 359 פאַר 1406 פּערזאָן, אויף אַ סומע פון בערך 2500 דאָלאַר.

4) אַז די שטעטלעך זיינען שוין געוואָרן אויפגעבויט, איז געוואָרן אַקטועל די פראַגע וועגן בנינים פאַרן כלל, וועגן געזעלשאַפטלעכע בנינים אָדער פאָלקס-בנינים, וואו ס'זאָל זיך קאָנצענטרירן דאָס קולטורעלע לעבן פון שטעטל, און וואָס זאָלן ווערן איר געזעלשאַפטלעכער צענטער. אַזוינע בנינים זיינען אויסגעבויט געוואָרן אינגאַנצן אָדער טיילווייז אין די אַממייסטן חרוב-געוואָרענע און אָפּגעבויטע שטעטלעך, ווי סמאָרגאָן, ווידז, קרעווע, ווישנעווע, קאָרעליטש, האָראָדישטש און ליובטש.

5) אַן אינטענסיווע טעטיקייט האָט „יעקאָפּאָ" אַנטוויקלט אויך אויפן געביט פון פאַרזאָרגן די מלחמה-יתומים, הן אין אינטערנאַטן והן ביי פּריוואַטע פּערזאָנען. אין יאָר 1922, ווען די אַקציע



האָט זיך איינגנטלעך אָנגעהויבן אין אַ גרעסערן מאַסשטאַב, האָט די צאָל אַדאָפּטירטע יתומים דערגרייכט פון 148 אין יאַנואַר ביז 568 אין דעצעמבער און איז אין יאָר 1923 דערגאַנגען ביז 743 אין יאַנואַר און 795 אין יולי, דורכשניטליך — 754. די גרעסטע אַכט האָט „יעקאָפּאָ" געלייגט אויף די אַלגעמיינע בילדונג פון די קינדער און אויף די פאַך-אויסבילדונג פון די עלטערע יתומים. כמעט אַלע קינדער באַזוכן אַ שול און איבער 100 נייע קינדער זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן ביי פאַרשיידענע מלאכות. דורכשניטלעך האָט דער בודזשעט פון דער יתומים-פאַרזאָרגונג באַטראָפן ביז 2000 דאָלאַר מאָנאַטלעך.

6) די יורידישע אָפּטיילונג פון „יעקאָפּאָ" האָט אין די צוויי יאָר געהאַט אַ סך צו טאָן מיט ענינים פון היימלאָזע, גירושים, רעפּאַטריאַציע, ווי אויך, פון דער אַנדער זייט, מיט די ענינים פון אויפבוי. אין ציפער דריקט זיך אויס די אַרבעט אויפן פאָלגנדן אופן: פאַררעגיסטרירטע ווענדונגען זיינען אין יאָר 1922 געווען 1150, אין יאָר 1923—1052. פון דער צאָל זיינען אין 75 פּראָצענט פאַלן געגעבן געוואָרן מונדלעכע עצות און אין 25 פּראָצ. זיינען געשריבן געוואָרן בקשות און אונטערגענומען געוואָרן פאַרשיידענע אינטערווענצן ביי דער מאַכט. לויט דעם אַרט ענין צעטיילט זיך די יורידישע הילף אויף: א) בערך 1000 היימלאָזע-ענינים (פּעסער-פראַגן, אַרויסשיקונגען, רעפּאַטריאַציע וכדומה); ב) בערך 500 ציווילע ענינים; ג) בערך 400 קרימינעלע און אַדמיניסטראַטיווע ענינים און ד) דאָס רעשט קומט אויס אויף שטייער-ענינים און יורידישע ענינים פון געזעלשאַפטן, ווי שולן, ביבליאָטעקן, קהלות, קאָמיטעטן וכדומה. אין די אַנגערופענע ציפער גייען ניט אַריין אַ גרויסע צאָל איינצלנע ווענדונגען, וואָס זיינען ניט פאַררעגיסטרירט געוואָרן, ווי אויך פאַרשיידענע ווענדונגען און אָנפראַגן דורך פּאָסט וכדומה. אין אַ רייפאַלן האָט די יורידישע אָפּטיילונג צוזאַמען מיט פאָרשטייער פון קאָמיטעט דערלאַנגט און דורכגעפירט מעמאָראַנדומס פון אַלגעמיינער באַדייטונג.

7) די עמיגראַציע-אָפּטיילונג פון „יעקאָפּאָ", פעדערירט מיט „היאַס", האָט אין די צוויי יאָר אַרויסגעוויזן אַ באַדייטנדע טעטיקייט, אַרויסגעבנדיק אַלע נויטיקע אינפאָרמאַציעס די עמיגראַנטן, פאַרבינדנדיק זיי מיט זייערע קרובים אין אַמעריקע, אויסצאָלנדיק זיי די אָנגעקומענע געלטער וכדומה. די אָפּטיילונג האָט אויך דורכגעפירט פאַר די

עמיגראַנטן ביי דער מאַכט די נויטיקע פּאַפּירן און אויסלענדישע פּעסער.

געלט, וואָס איז אָנגעקומען פון די אַמעריקאַנער קרובים, איז אויסגעצאָלט געוואָרן דורך אונזער אָפּטיילונג אין ווילנע און געגנט: אין יאָר 1922 — 341,912 דאָלאַר און אין יאָר 1923 — 283,105 דאָלאַר.

8) דער ביכער־לאַגער האָט ווייטער אַנטוויקלט זיין קולטורעלע טעטיקייט. ער האָט נאָרמירט די פּרייזן אויפן ביכער־מאַרק, מאַכנדיק צוטריטלעך דעם יידישן און העברעאישן בוך פאַר אונזערע ביבליאָטעקן, שולן און ברייטערע קרייזן פון לעזער. צוליב דער צוועקמעסיקייט פון זיין אַרבעט, איז ער צום יאָר 1924 פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונג, באַוואָרענענדיק, אַז אַזוי ווי פריער זאָל פּאַקטיש דער ביכער־לאַגער זיך געפינען אין רשות פון דער עקזעקוטיווע פון „יעקאָפּאָ".

9) „יעקאָפּאָ" האָט אויך פאַר די ציייט געגעבן אַ פאַרשיידנאַרטיקע פילאַנטראָפּישע הילף אין אַ גאַנצער ריי עקסטרע פאַלן און ספּעציעל פאַר היימלאָזע און רעעמיגראַנטן.

10) אויף צו פירן איר אַרבעט האָט „יעקאָפּאָ" זיך געפונען אין אַ שטענדיקן קאָנטאַקט מיט דעם דזשוינט דיסטריביושן קאָמיטעט און אַלע זיינע דעפּאַרטאַמענטן, מיט יק"א און מיט „היאַס". די געלט־מיטלען פאַר היימלאָזע און רעעמיגראַנטן, הן פילאַנטראָפּישע והן פּראָדוקטיווע, האָט געגעבן די היימלאָזע־אָפּטיילונג פון ד. ד. ק., פאַר מלחמה־יתומים — די יתומים־אָפּטיילונג פון ד. ד. ק. די אויפבוי־אַרבעט איז, פאַרקערט, געפירט געוואָרן אויף ריינע קרעדיט־יסודות. די קרעדיטן האָט „יעקאָפּאָ" באַקומען פון יק"א און פון דער קאָנסטרוקטיווער אָפּטיילונג פון ד. ד. ק. די געלטער ווערן אומגעקערט די דאָזיקע אינסטיטוציעס מיט פּראָצענטער. וואָס איז שייך דער עמיגראַציע־אָפּטיילונג פון „יעקאָפּאָ" באַקומט זי אַ געוויסע מאָנאַטלעכע סובסידיע פון „היאַס". דער ביכער־לאַגע האַלט זיך אַליין אויס. אַ גרויסער טייל אָרגאַניזאַציאָנס־הוצאות דעקט זיך אויך אַליין.

11) די אינעווייניקסטע אַרבעט פון קאָמיטעט האָט זיך פאַר די צוויי יאָר אויסגעדריקט אין 6 באַראַטונגען און קאָנפערענצן וועגן די באַזונדערע צווייגן פון דער „יעקאָפּאָ"־טעטיקייט מיט דער באַטייליקונג פון די באַטרעפנדע פאַרשטייער פון דער פּראָווינץ; 36 זיצונגען פון דער עקזעקוטיווע; 63 זיצונגען פון דער היימלאָזע־קאָמיסיע; 60 זיצונגען פון דער אויפבוי־קאָמיסיע; אַ ריי זיצונגען פון דער יתומים־קאָמיסיע; כמעט טאָגטעגלעכע זיצונגען פון דער אַרבעטס־ביוראָ, ד. ה. פון דער קאָלעגיע עקזעקוטיוו־מיטגלידער, וואָס זיינען באַשעפטיקט אין קאָמיטעט אַלס אָנגעשטעלטע (גענעראַל־סעקרעטאַר און פאַרוואַלטערס פון די אָפּטיילונגען).

מ. שאַליט.



די דריטע געגנט־קאָנפערענץ פון „יעקאָפּאָ" אין ווילנע דעם 9—10 מערץ 1924.

אין דער צווייטער ריי זיצן פון רעכטס אויף לינקס: הרב מאָושאָוויטש (רעוועגישעק); לוי וויינשטיין (בראַסלאַוו); י. וואַלק, א. רודניצקי, פּ. אַנטאָקאָל, מ. שאַליט, ד"ר צ. שאַבאַד (ווילנע); הרב שאַצקעס (איוויע); ש. ח. דובין (גר. ווילייקע); הרב קאַץ (גלובאָקע). אין דער דריטער ריי פון רעכטס אויף לינקס — דער פערטער: י. ווערניק, י. גורוס (ניי־סווענציאַן); ש. פרידה (אָשמענע); א. קליאַנסקי, א. לאַנגבאַרט (ווילנע); ח. ברוק (ליובטש); דער צוועלפטער — הרב ז. שאַפּירא (יאַשון). אין דער פערטער ריי: ב. זלאַטקין (ווידז); וואָלאָך (האַראַדישטש); י. ליובעטשאַנסקי (נאָוואָגרודאָק); ג. עליאַסבערג (קאַרעליטש); י. מעכאַניק (ושעלוּדאָק); י. קאָפּעליאָוויטש (גר. ווילייקע); ב. וויינשטיין (סמאָרגאָן); אין דער דריטער ריי פון לינקס אויף רעכטס: צדוו. י. יאַבוּוער (ווילנע); אין דער פערטער ריי פון לינקס אויף רעכטס — דער פערטער: י. שטראַשון (ווילנע); י. מאַליאַצקי (ווידז).

# רשימה פון די דעלעגאַטן, וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אין די דריי געגנט־קאָנפערענצן פון „יעקאָפּאָ" אין ווילנע.

## 1) ערשטע געגנט־קאָנפערענץ דעם 8—9—10 סעפּטעמבער 1919.

1) הרב א. אײַזענבוד, וואַסילישאָק; 2) י. אַבראַמאָוויטש, סאָלן; 3) מ. אַבראַמאָוויטש, פּאַרבראָדז; 4) י. אַקסעלראָד, רודזישאָק; 5) הרב מ. אַבאָוויטש, נאָוואָגרודאָק; 6) י. ברוידאָ, וויסאָקי־דוואָר; 7) י. ברוידאָ, טראָב; 8) ח. בריק, ליובטש; 9) ב. באַיאַרסקי, ראַדון; 10) א. בענדער, איוויע; 11) ה. בעקערמאַן, וואָראָנאָווע; 12) הרב צ. באַקאַלטשוק, האָראָדישטש; 13) ש. בעקער, לײַבישאָק; 14) מ. בערענשטײן, נעמענטשין; 15) ש. ברורנאָ, וואָלאָזשין; 16) א. באַראָן, שטשוטשין; 17) הרב בראַז, וויסאָקי־דוואָר; 18) ח. גאָלאָמב, טראָק; 19) י. גאָלדמאַן, טורגעל און די קאָלאָניעס; 20) ז. גורינס, קורענעץ; 21) ר. גינענסקי, נאָוואָגרודאָק; 22) י. גאָרדאָן, קאַבילניק; 23) ה. גורוויטש, אײַנאַלינע; 24) א. גרויסבאָרד, שירווינט; 25) יעקב גאָלאָמב, מײַשעגאָלע; 26) מ. גינזבורג, שומעלישקי; 27) דוב גרײַזעל, בײַסטריץ; 28) י. גאָרדאָנאָוויטש, אָלשאַן; 29) הרב י. ראַבאָוויטש, וואָרניאַן (קענע און בורדאַגי); 30) ה. הורוויטש, נײַ־סווענציאַן; 31) מ. האַמבורג, דעקשנע; 32) א. הורוויטש, וואָראָנאָווע; 33) א. העלפּער, מאָליאַט; 34) ד. ווײַצעל, באַראַנאָוויטש; 35) ל. ווילבערגלײַט, האַנושישאָק; 36) הרב י. טאָווזשינסקי, אָסטרין; 37) ש. טשופּאַק, יעוויע; 38) י. יאַקאָבלעוויטש, קאָרעליטש; 39) ד. כהן, נאָוואָגרודאָק; 40) ש. כהן, דעליאַטיטש; 41) הרב דוד ליבאָוויטש, סעלעטשניק; 42) א. לאַפּין, לאַנדוואַראָווע; 43) ז. לין, פּאָסטאַווי; 44) ק. לעווין, אינטורעק; 45) י. לונין, וואָלאָזשין; 46) ש. ליס, וואַסילישאָק; 47) י. לובאָצקי, באַראַנאָוויטש; 48) י. מיקלאַשעווסקי, פּאַנאַסישקי; 49) נ. מוסקי, לײַפּון; 50) הרב י. מישקאָווסקי, זשעלודאָק; 51) ש. מינץ, ווישנעווע; 52) הרב נ. מוסענזאָן, סוויר; 53) יוסף מעכאַניק, זשעלודאָק; 54) פּ. מענדעלעוויטש, פּאַרבערעזי־געדרויץ; 55) ש. סאָלאָמיאַק, הײַרוצישעק; 56) א. סטרוגאַטש, אָשמענע; 57) ז. סווירסקי, לינטופּ; 58) י. סווירסקי, סווענציאַן; 59) הרב צ. ענטין, מיכאַלישאָק; 60) נ. פּערסקי, אָשמענע; 61) הרב לײב פּײַן, אָשמענע; 62) א. פּאַרעץ, זשופּראַן; 63) א. פּאָטשטער, ביניאַקאָני; 64) ל. פּאָמעראַנץ, סווענציאַן; 65) ד. פּיק, מאָליאַט; 66) מ. קיוצעווסקי, אײשישאָק; 67) א. קלאָק, לינגמיאַן; 68) א. קלעבאַנאָוו, וועליטשאַן; 69) ד״ר י. קאָוואַרסקי, מערעטש; 70) ח. קאַפּעלאָוויטש, ווילײקע; 71) אינזש. י. קאָוואַרסקי, סווענציאַן; 72) נ. קאָוואַרסקי, סווענציאַן; 73) ל. קאַץ, אָראַן; 74) נ. קאַרבמאַן, בוטרימאַנץ; 75) הרב ש. כ״ץ, באָריסאָווקע; 76) הרב י. רודניק, ביעליץ; 77) ב. ראַבינאָוויטש, אײשישאָק; 78) הרב ש. ראַזאָווסקי, קאָפּוליע; 79) ר. רודניצקי, העליוב; 80) הרב ס. רויטבערג, ליפּנישאָק; 81) אל. ראַגאַל, דעווענישאָק; 82) הרב מ. שאַצקעס, איוויע; 83) ז. שטערן, אַלקעניק.

חוץ דעם — די מיטגלידער פון אָרגאַניזיר־קאָמיטעט פון „יעקאָפּאָ" ד״ר שאַבאַד, מ. שאַליט, ב. כהן, מ. יעזוזעראָוו, אינזשענער וו. מ. מאַקאָווער, ל. זאַקהײם, י. וואָלק, א. לאַנגבאַרט, ד״ר א. מאַקאָווער, נ. קאָוואַרסקי.

## 2) צווייטע געגנט־קאָנפערענץ דעם 5—6—7 דעצעמבער 1921.

1) ישראל אַבראַמאָוויטש, אַנדריאַלישאָק; 2) ברוך ראַבינאָוו, אײשישאָק; 3) דובער גילינסקי, אײַנאַלינע; 4) הרב משה שאַצקעס, איוויע; 5) אהרן בענדער, איוויע; 6) ברוך אַבראַמאָוויטש, אָלשאַן; 7) אלחנן שרײַדער, אָשמענע; 8) נחמיה פּערסקי, אָשמענע; 9) פּײַוועס סאַלאַדוכע, אָשמענע; 10) צבי קאַיאַצקי, אָפּסע; 11) יצחק בערנער, איווענעץ; 12) חיים־לײב מאָזעל, איליע; 13) הרב יוסף רודניק, ביעליצע; 14) לוי יצחק ווײַנשטײן, בראַסלאַוו; 15) הרב אליהו גאַרבער, גאָראָדאָק; 16) יעקב באַקשט, דעליאַטיטש; 17) פּסח וואָלאָצקי, הײַרוצישעק; 18) הרב יוסף הלוי קאַץ, גלובאָקע; 19) שלמה יאַגען, גלובאָקע; 20) משה שולהײַמער, גלובאָקע; 21) גדליהו גלאַז, דוקשט; 22) דן פײַגעל, דונילאָוויטש; 23) אשר פּרעסמאַן, ראַקשיק; 24) בן־ציון גורוויטש, ראַקשיק; 25) אַלקסנדר גאָפּונג, דיסנע; 26) שמריהו ז. יפה, דיסנע; 27) ברוך דאַן, דיסנע; 28) הרב ישראל מאָישאָוויטש, דעווענישעק; 29) יעקב קאַפּעלאָוויטש, ווילײקע—וויאַזין; 30) שלמה חיים דובין, ווילײקע—וויאַזין; 31) הרב יוסף מישקאָווסקי, וואָראָנאָווע; 32) מענדל רודענסקי, ווישנעווע; 33) שלמה חיים ברורנאָ, וואָלאָזשין; 34) יוסף כאַבאַכאָוויטש, וואָלאָזשין; 35) הרב אליהו אײַזענבוד, וואַסילישאָק; 36) ברוך זלאַטקין, ווירז; 37) יוסף מעכאַניק, זשעלודאָק; 38) זעליק שוואַרץ, זאַסקאַוויטש; 39) יצחק מאיר גיטער, טראָק; 40) הרב אברהם סאַכאַראָוו, טראָב; 41) משה קאַלמאַנאָוויטש, טורגעל; 42) זלמן שאַפּירא, יאַשון; 43) הרב יצחק ווײַס, ליובטש; 44) דובער ווײַנער, לעבעדעווע; 45) שלמה קאַפּלאַן, לידע; 46) משה גאָלדבערג, לידע; 47) זאב סאָקאָלאָווסקי, לידע; 48) אברהם לאַפּין, לאַנדוואַראָווע; 49) אליהו זאַלאַג, לינטופּ; 50) הרב ס. רויטבערג, ליפּנישאָק; 51) הרב צבי ענטין, מיכאַלישאָק; 52) אלחנן מערקין, מײַשעגאָלע; 53) יוסף ווירדאָוויטש, מאָלאָדעטשנע; 54) יצחק הורדוס, נײַ־סווענציאַן; 55) הרב אליקום לאַנדמאַן, נײַ־ווילײקע; 56) שלום כהן, נאָוואָגרודאָק; 57) משה שימאַנאָוויטש, נאָוואָגרודאָק; 58) הרב מאיר אַבאָוויטש, נאָוואָגרודאָק; 59) אליהו גינזבורג, סאָל; 60) אברהם גליקמאַן, סעלעטשניק; 61) מאיר סאַראַסײסקי, סווענציאַן; 62) לײב פּאָמעראַנץ, סווענציאַן; 63) יוסף סווירסקי, סווענציאַן; 64) גרשון ווײַנשטײן, סמאָרגאָן; 65) מאיר גינדין, פּליסע; 66) הרב משה פּערסקי, פּאַרבראָדז; 67) שמואל זילבערגלאַט, קריוויטש; 68) דובער גוטערמאַן, קאָלטיניאַן; 69) גרשון עליאַשבערג, קאָרעליטש; 70) זלמן גורינס, קורענעץ; 71) דובער באַיאַרסקי, ראַדון; 72) אברהם פּעקלער, רידאָמין; 73) יעקב ווילענטשיק, ראַזשאַנקע; 74) הרב אברהם קאַלמאַנאָוויטש, ראַקאָוו; 75) יוסף ליפּמאַן, ראַדאָשקאָוויטש; 76) חיים איזראַעליעוויטש, קראַסנע; 77) העשל הורוויטש, נײַ־סווענציאַן; 78) יעקב כהנאָוויטש, ראַדאָשקאָוויטש; 79) יוחנן לעווין, מאָלאָדעטשנע; 80) משה כהן, סמאָרגאָן; 81) מנחם באַלבערײַסקי, פּאַרבראָדז; 82) יעקב מאַליאַצקי, ווירז; 83) יצחק לעווין, לעבעדעווע; 84) שמואל שישקאָ, באָריסאָווקע; 85) ד״ר צ. שאַבאַד, ווילנע; 86) ד״ר י. ווײַגאַרסקי, ווילנע; 87) מ. שאַליט, ווילנע; 88) ל. זאַקהײם, ווילנע; 89) י. וואָלק, ווילנע; 90) א. לאַנגבאַרט, ווילנע; 91) א. רודניצקי, ווילנע; 92) נ. קאָוואַרסקי, ווילנע; 93) הרב חיים עוזר גראָדזענסקי, ווילנע; 94) הרב ש. פריד, ווילנע; 95) אינזש. וו. מאַקאָווער, ווילנע.

## 3) דריטע געגנט־קאָנפערענץ דעם 9—10 מערץ 1924.

1) אברהם סטריסקי, אָסטרין; 2) הרב משה שאַצקעס, איוויע; 3) שלום שרירא, אָשמענע; 4) אורי ראַזאָווסקי, אײשישאָק; 5) לוי יצחק ווײַנשטײן, בראַסלאַוו; 6) הרב יוסף הלוי קאַץ, גלובאָקע; 7) שלמה באַגין, גלובאָקע; 8) הרב ישראל מאָושאָוויטש, דעווענישעק; 9) אשר פּרעסמאַן, ראַקשיק; 10) הרב מרדכי יעקב גאַלינקין, ראַקשיק; 11) ברוך קולעס, דונילאָוויטש; 12) זלמן קורלאַנטשיק, הײַרוצישעק; 13) ירוחם וואָלאַך, האַראַדישטש; 14) הרב אליהו אײַזענבוד, וואַסילישאָק; 15) הרב משה ליב לוסקי, וואָראָנאָווע; 16) יעקב קאַפּעלאָוויטש, ווילײקע; 17) שלמה חיים דובין, ווילײקע; 18) ברוך זלאַטקין, ווירז; 19) יעקב מאַליאַצקי, ווירז; 20) אליקום גורוויטש, זאַסקעוויטש; 21) יוסף מעכאַניק, זשעלודאָק; 22) הרב שמואל מאַרקאָוויטש, טורעץ; 23) הרב זלמן שאַפּירא, ליפּנישעק; 24) בער ווײַנער, לעבעדעווע; 25) אליעזר לעווינסאָן, לעבעדעווע; 26) שכנא טאַבאַטשניק, ליאַכאָוויטש; 27) חיים ברוק, ליובטש; 28) יעקב ליובטשאַנסקי, נאָוואָגרודאָק; 29) יוסף סאַלמוק, נײַ־ווילײקע; 30) יצחק הורדוס, נײַ־סווענציאַן; 31) פּסח האַכבערג, סיניאָווקע; 32) יוסף סווירסקי, סווענציאַן; 33) הרב מ. א. פּאַלאַנסקי, סווענציאַן; 34) יעקב בועז גורוויטש, סמאָרגאָן; 35) גרשון ווײַנשטײן, סמאָרגאָן; 36) הרב משה פּערסקי, פּאַרבראָדז; 37) מאיר גינדין, פּליסע; 38) אביגדור אַבראַמסאָן, קרעווע; 39) זלמן גורינס, קורענעץ; 40) גרשון עליאַשבערג, קאָרעליטש; 41) יעקב ווילענטשיק, ראַזשאַנקע; 42) ד״ר צ. שאַבאַד, ווילנע; 43) הרב חיים עוזר גראָדזענסקי, ווילנע; 44) הרב שמואל פריד, ווילנע; 45) משה שאַליט, ווילנע; 46) מ. יעזוזעראָוו, ווילנע; 47) י. וואָלק, ווילנע; 48) א. קליאַנסקי, ווילנע; 49) פּ. אַנסאָוויל, ווילנע; 50) אליהו רודניצקי, ווילנע; 51) א. לאַנגבאַרט, ווילנע; 52) נ. קאָוואַרסקי, ווילנע.

### די פּראָפעסיאָנעלע צוזאַמענשטעלונג פון די דעלעגאַטן פון דער צווייטער און דריטער קאָנפערענץ.

רבנים—31; הענדלער—29; סוחרים—22; אָנגעשטעלטע—17; לערער—14; פּאַרמאַצעווטן—10; בוכהאַלטערן—5; האַנטווערקער—5; דאָקטוירים—4; ערד־אַרבעטער—3; אַרבעטער—2; ליטעראַטן—2; אַדוואָקאַטן—1; אינזשענערן—1; באַקטעריאָלאָגן—1. צוזאַמען—147.

# פון דער מאַרטירער-עפּאָפּעע אין אַ קליין שטעטל*).

(זכרונות פון אַ רב).

.1

אין יאָר 1915, אומגעפער אין יאַנואַר מאָנאַט, איז געקומען רעווידירן דעם אָרטיקן גלובאָקער קאָמיטעט, וואָס האָט זיך געפונען אונטער דעם באַפולמעכטיקטן מאיר פיינליב, וועלכער איז געווען דאַן אַן אויפזעער איבערן גאַנצן ראַיאָן, דער חשובער גאַסט באַראָן אָסיע גינזבורג. צוליב דעם איז צונויפגערופן געוואָרן אַן אַלגעמיינע זיצונג פון דעם הילפס-קאָמיטעט „יעקאָפאָ" צוזאַמען מיט די אָרטיקע געזעלשאַפטלעכע טוער. אין דעם אַלגעמיינעם באַריכט האָב איך זיך אָפּגעשטעלט אויף דער טרויעריקער געשעעניש, וועלכע האָט פּאַסירט אין דער דערבייאיקער שטעטל פאָסטאָוו, וואָס (אגב) דאָרטן איז געווען דער פראָנט. פון פאָסטאָוו האָט מען געבראַכט צעריסענע שטיקער יריעות פון ספרי-תורות, און גראָד, מערקווירדיק, איז געבראַכט געוואָרן די יריעה פון דער תוכחה — און זי איז געווען פאַרפלעקט מיט בלוט. דאָס האָט זייער גערירט דעם באַראָן גינזבורג און ער האָט מיר געבעטן אים צוצושטעלן איינע פון די צעריסענע פאַרבלוטיקטע יריעות אַוועקצולייגן אַלס אָנדענקונג פון דער צייט אין מוזיי. זיין בקשה איז, פאַרשטענדלעך, ערפילט געוואָרן דורך מיר. די איבעריקע, וועלכע זיינען אָפּגעקויפט געוואָרן ביי די סאָלדאַטן, האָבן מיר צו שפּעטער-צו מקבר געווען אויף דעם בית-עולם.

פון גלובאָקע איז דער באַראָן גינזבורג אין דער באַגלייטונג פון פיינליבן אָפּגעפאָרן קיין דיסנע, וואו ס'האָט זיך געפונען דער שטאַב פון דער ערשטער אַרמיי און דער גענעראַל איז דאָרט געווען סוצקאָי. אים האָט אַלץ איבערגעגעבן דער הר' גינזבורג, אָבער מיט אַ טעות, אַז די זאַך האָט פּאַסירט מיט די ספרי-תורות ניט אין פאָסטאָוו, נאָר אין גלובאָקע.

דער גענעראַל האָט גלייך פאַראָרדנט טעלעפאָניש אונזער דעמאָלטיקן קאָמענדאַנט יאַכאָנטאָוו, אַז ער זאָל אויספאָרשן דעם ענין, וועלכער האָט, וואַרשיינלעך, אויף אים אויך געמאַכט אַן איינדרוק, און האָט אויפגעפאָדערט דעם קאָמענדאַנט צו געבן אַ דערקלערונג, וואָס האָט פּאַסירט מיט די תורות אין גלובאָקע און ווי האָט ער רעאַגירט אויף דעם? דער קאָמענדאַנט, באַקומענדיק דעם שטרענגן באַפעל פון שטאַב, האָט געשיקט נאָך מיר צוויי באַוואָפנטע זעלנער מיט פּיקעס אין די הענט. ניט געפינענדיק מיר גראָד אין שטוב, זיינען זיי געלאָפן אין קאָמיטעט נאָך מיר מיט דער אויפפאָדערונג פון קאָמענדאַנט מיר צוצושטעלן גלייך צו אים. אַז איך בין געקומען צו אים אין דער קאַנצעלאַריע, האָט ער מיר אָנגעהויבן אויסצופרעגן וועגן די פּאַסירונגען מיט די תורות, וועלכע מ'האָט צעריסן. איך האָב גלייך פאַרשטאַנען דעם טעות פון באַראָן גינזבורג, וועלכער האָט פאַרביטן די שטעט פון פאָסטאָוו אויף גלובאָקע. האָב איך געענטפערט מיט זיכערקייט, אַז ס'האָט טאַקע פּאַסירט אין אונזער גרויסער שול. איך האָב עס געזאָגט דערפאַר, ערשטנס, כדי ניט צו ברענגען אין אַ שווערער לאַגע דעם באַראָן און, צווייטנס, האָט אַן ענלעכער פאַל טאַקע געטראָפן אין דער גרויסער שול, וואו מיר האָבן געפונען אויף דער ערד די ספרי-תורות. אין אונזער גרויסער שול האָט מען צונויפגעקליבן אַלע ספרי-תורות פון גאַנץ שטאָט, ווייל אַלע בתי-מדרשים זיינען געווען פאַרנומען פאַר שפּיטאָלן און זיינען געווען געפּאַקט מיט קראַנקע זעלנער און די גרויסע שול איז פאַר אונז פאַרבליבן אַלס די איינציקע. איינמאָל, ווען מיר זיינען אַריין דאַווענען, האָבן מיר דערזען דעם בילד, ווי די ספרי-תורות זיינען אַרויסגעוואָרפן אויף דער ערד. דעריבער האָב איך אים עס געזאָגט און אויך צוגעגעבן, אַז ס'פעלן נאָך ספרי-תורות און אַז די זעלנער האָבן פאַרקויפט אויפן מאַרק צוויי תורות צו קוואַרט מילך פאַר יעדערע. איך האָב דעריבער אויסגענוצט די געלעגנהייט צו אינפאָרמירן וועגן דעם קאָמענדאַנט, צושטעלנדיק דערביי באַווייזן, אַז מען האָט פאַרקויפט יריעות אויך און אַז די זעלנער האָבן די תורות געריסן. דערמיט איז אויך דערגרייכט געוואָרן פון זיך אַליין די כוונה צו פאַרהיטן דעם באַראָן גינזבורג, ווייל אין דער זעלבער צייט, וואָס מען האָט געהאַט פאַר אים רעספּעקט, וואָלט זיין טעות אים געבראַכט אין אַ געפערלעכער לאַגע און אין יענער צייט וואָלט מען אים דערפאַר געוויס אַרעסטירט, ווי פאַר אַן אויסגעטראַכטע זאַך און בלבול אויף מיליטער.

האָט מיר נאָכדעם געפרעגט דער קאָמענדאַנט: „וויפיל אין צאָל ספרי-תורות געפינען זיך אין שול?" און ווי כ'האָב אויבן דערמאָנט, זיינען אין דער שול געווען אויפגעקליבן פון גאַנץ שטאָט די ספרי-תורות. האָב איך געענטפערט, אַז אומגעפער 100. האָט ער אַ געשריי געגעבן אויף מיר: „ווי קען מעגלעך זיין 100?!" — „אויף וואָס דאַרף מען אַזוי פיל?". האָב איך אים אויפגעקלערט, אַז לויט אונזער רעליגיע קען יעדערער, אויב ער האָט עס ביכולת, שרייבן אַ ספר-תורה. לעבן אים איז געשטאַנען זיין באַהעלפער, אַ יונגער היציקער קאַזאַצקער אָפיציר ראָמאַנענקאָ, וואָס פאַר אים

*) אין די צייטן פון די מהומות האָט די קליינע שטעטל מער געליטן, פאַרהעלטניסמעסיק, פון דער גרויסער שטאָט. די אימה און דער פחד איז אין דער קליינער שטעטל געווען גרעסער. און ווען אין דער גרויסער שטאָט איז זיך נאָך געווען אפשר צו וועמען צו ווענדן, איז געווען ווער זאָל זיך ווענדן, — איז די קליינע שטעטל אינגאַנצן געווען הפקר. אַלץ איז געווען אָפּהענגיק פון אַ וועלכן ניט איז צופאַל, פון אַ נס. די אָרעמע הילפלאָזע הייזלעך זיינען געווען צוגעדריקט איינס צום אַנדערן און האָבן געציטערט פון שרעק. מיט די מענטשן האָט מען געקענט טאָן אַלץ, וואָס מען האָט נאָר געוואָלט. און דער פאָרשטייער פון דער יידישער שטעטל, דער רב, דער ערבות-מאַן, האָט געדאַרפט זיין דער אמתער העלד, דער גבור, וואָס שטעלט זיך איין פאַר דער גאַנצער שטעטל.

אַזוי איז געווען, מיט געוויסע הסתּקות, אין משך פון אַ האַלבן דור צייט. ס'איז געגאַנגען פון יאָר 1914—1915 דורך דעם יאָר 1919 ביז אין די ערשטע צוואַנציקסטער יאָרן אַריין. די ווילנער געגנט האָט געקרעכצט און ווילנע אַליין האָט איבערגעלעבט פאַגראָמען, וואָס האָבן געדויערט וואָכן און חדשים.

די עפּאָפּעע פון די יידישע שטעטלעך אין אָט דער מאַרטירער צייט איז גרויס און טיף.

מיר האָבן ניט קיין מעגלעכקייט צו ברענגען אָט דעם גרויסן דאָקומענטאַרישן מאַטעריאַל, די פעסטשטעלונגען פון די עדות, די פאַרהערן פון די אויספאָרשונגס-קאָמיסיעס, די דערציילונגען פון די געליטענע און די דערלאַנגטע מעמאָראַנדומס, — און אפילו ניט די מאַטעריאַלן פון דער יורידישער קאָמיסיע פון „יעקאָפאָ" און פון דער דעמאָלטיקער יידישער קהלה אין ווילנע, פאַר און נאָך דער מאַרגענטוי-קאָמיסיע. אין אַלגעמיינע שטריכן זיינען שוין אָט די לעצטע געשעענישן באַשריבן אין פנקס פון דער ווילנער היסטאָריש-עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט אויפן נאָמען פון ש. אַנ-סקי ז"ל (ווילנע, 1922).

דאָ ברענגען מיר בלויז איניקע אָפּגעריסענע עפּיזאָדן פון אַ טייל זכרונות פון גלובאָקער רב. זיי וואַרפן אָבער אַ דורכדרינגענדיקן שיין אויף די איבערגעלעבטע פּאַסירונגען. אין זייער פשטות און אויפריכטיקייט ריידן זיי ווי לעבעדיקע דאָקומענטן פון אַ פינסטערן עבר. מיר האָבן איבערגעלאָזן ווי ווייט מעגלעך דעם איינגאַרטיקן כאַראַקטער און דעם סטיל פון די זכרונות, וואָס דערמאָנען אָן די אַמאָליקע קראָניקעס פון די גזירות-צייטן.

רעד.

האָט געציטערט די גאַנצע באַפעלקערונג יידן פון שטאָט. ער האָט ניט איין יידן געשמיסן און געשלאָגן. איז ער געשטאַנען מיט זיין קאַנטשיק אין האַנט און מיט אים געפאָכעט פאַר מיינע אויגן. און דער קאָמענדאַנט יאַכאָנטאָוו האָט אין דער זעלבער צייט דערלאַנגט אַ צעטל אַ געדרוקטן, אויף וועלכן ער האָט מיר באַפוילן אונטערצושרייבן, אַז דאָ אין גלובאָקע האָט ניט פאַסירט קיין זאַך מיט די תורות און אַז די אַנקלאָגע איז ניט ריכטיק איבערגעגעבן געוואָרן. איך האָב זיך קאַטעגאָריש אָפגעזאָגט מיט דעם מאָטיוו, אַז איך קען ניט אונטערשרייבן אויף ניט, אין דער צייט, ווען ס'האָט יאָ פאַסירט דער פאַל. האָט מיר דער בייזער ראָמאַנענקאָ גענומען אויף זיין פאַרהער... שרעקן און נויטן אונטערצושרייבן. נאָר איך האָב זיך אַנטזאָגט, און נאָך לאַנגע ויכוחים און שווערע אונטערהאַנדלונגען האָט יאַכאָנטאָוו איינגעזען, אַז ער קען מיט מיר גאָרניט מאַכן, האָט ער מיר געהייסן קומען אין צוויי טעג אַרום, נאָר דערווייל זאָל איך אים צושיקן די אַלע גבאים פון די בתי־מדרשים און ער וועט זיי אויספאָרשן וויפיל ספרי־תורות זיינען פאַראַן, און צי ס'האָט טאַקע פאַסירט דער פאַל.

אַרויסגייענדיק פון קאָמענדאַנט, כדי צו רופן די גבאים, האָב איך דערזען, ווי ס'לויפן שטאַרק און גיך אַ פאָר פערד און פיינלייב אַ דערשראָקענער זיצט אין שליטן. ווי ער האָט מיר דערזען, איז ער אַראָפגעשפרונגען פון זיין שליטל און האָט מיר ציטערנדיק אַ פרעג געטאָן: „איר גייט שוין אַודאי פון קאָמענדאַנט? וועגן די ספרי־תורות? ווי האָט איר געזאָגט? באַראָן גינזבורג האָט פאַרביטן די נעמען פון די שטעט!" איך האָב אים אויפגעקלערט מיין ענטפער. דריקנדיק מיר די האַנט, איז ער אַ באַרואיקטער אַוועקגעפאָרן אין קאָמיטעט. און איך האָב פאָרגעזעצט מיין אַרבעט צונויפצורופן צו דער באַשטימטער צייט די גבאים פון די שולן און אָנגעזאָגט זיי, אַז זיי זאָלן ענטפערן, אַז פון אַלץ קען נאָר וויסן דער רב. איך בין ניט זיכער געווען מיט זייער האַלטונג און מורא האָבנדיק, אַז ס'וועט שאַטן דער זאַך, האָב איך אַלץ גענומען אויף זיך. קומענדיק אין קאַנצעלאַריע, האָב איך דערזען, אַז ס'פעלן שוין אייניקע גבאים. זיי האָבן זיך דערשראָקן פאַר ראָמאַנענקעס פנים מיט זיין רוט. און וואַרטנדיק נאָך אַ ביסל, זיינען זיך צעלאָפן אויך די איבעריקע. און איך בין פאַרבליבן נאָר מיט צוויי גבאים, וועלכע איך האָב שוין איינגעהאַלטן — אפרים



דרייזענשטאָק און פנחס שפייער. דער לעצטער איז גלייכצייטיק געווען גבאי פון דער זעלבער גרויסער שול. ווען דער קאָמענדאַנט האָט זיי אַריינגערופן, האָבן זיי אויף אַלע זיינע פראַגן געענטפערט, אַז נאָר דער רב ווייס וויפיל ס'פעלט און וויפיל ס'דאַרף זיין. דער קאָמענדאַנט האָט אונז באַפרייט מיט דעם באַדינג, אַז מיר זאָלן ווידער קומען צו אים אין צוויי טעג אַרום. אין דער באַשטימטער צייט, ווען איך האָב זיך געמאָלדן צו אים, האָט ער נאָכאַמאָל געפאָדערט אונטערצושרייבן דעם צעטל, אַז קיין זאַך האָט אין גלובאָקע ניט פאַסירט. האָב איך אים נאָכאַמאָל באַגרינדעט מיין אָפזאָג און דערביי צוגעשטעלט נאָך פאַקטן. איך האָב אים אָנגעוויזן, אַז דאָ אין אַ הויז געפינען זיך זעלנער, וועלכע האָבנדיק ביי זיך יריעות, וויקלען זיי זיך מיט זיי די פיס און מאַכן פון זיי סיגאַרן־שפּיצן און פאַרשיידענע רימענדלעך. דערלאַנגט ער אויף מיר אַ געשריי: „געדענקט זשע, ראַבין! אויב ס'וועט זיך אַרויסווייזן, אַז אייערע באַווייזן זיינען ניט קיין ריכטיקע, דאַן וועט זיין מיט אייך ניט גוט!" און האָט גלייך גענומען זעלנער און באַפוילן צוזאַמען מיט דעם „גוטן" ראָמאַנענקאָ צו מאַכן אַן אונטערזוכונג אין דעם אָנגעוויזענעם הויז ביי די זעלנער. צו מיין גרויסן גליק האָט מען די זעלנער געטראָפן אַזוי, ווי איך האָב דערציילט. דאָס האָט אַפילו שוין אויך ניט געשמעקט דעם בייזן ראָמאַנענקאָ. און גלייך מיט זיי בין איך אַוועק צוריק צום קאָמענדאַנט און איך האָב באַוויזן מיין ריכטיקייט. און, וואַרשיינלעך, אַז דאָס אַלץ האָט אים געצוואונגען מער ניט צו פאָדערן ביי מיר, אַז איך זאָל אונטערשרייבן זיין צעטל. פון דאַן אָן האָט ער באַקומען צו מיר צוטרוי, וואָס האָט אגב געהאָלפן דער שטעטל. ער האָט אָנערקענט מיין האַלטן זיך און ניט שרעקן זיך און פלעגט ערפילן מיינע בקשות, וואָס האָט געבראַכט פיל נוצן. אין דער גאַנצער צייט פון זיין רעגירן אין אונזער שטאָט האָט מען שבת ניט געהאַלטן אָפן די קראָמען, וואָס ביז דאַן האָט מען געצוואונגען צו האַלטן אָפן און יידן האָט מען ניט גענומען צו גראָבן די אָקאָפּעס. און אין אַלע איבעריקע הינזיכטן האָט מען אויך אויסגעפירט, וואָס ס'האָט אַ ביסל צייט געלאָזט אָפּרוען אונזער שטאָט אין איר פאַרפייניקטער אָנגעשראָקענער לאַגע.

און די פאַראָרדענונגען פון שטאַב וועגן דעם ענין זיינען אונז עד־היום ניט





באַוואוסט. איך מיין, אַז זיי ליגן מסתמא נאָך אין די רוסישע אַרכיוון...

.2

אין יאָר 1915 בין ר"ה ליוהכ"פ בין איך געפאָרן קויפן אתרוגים אין מינסק אום נאָכן קויפן גלייך צו פאָרן אַהיים. נאָר קומענדיק אויפן וואָקזאַל 12 אַזייגער ביינאַכט, האָב איך פלוצלונג געטראָפן די ידיעה, אַז די ליניע מאָלאָדעטשנע — מינסק איז איבערגעריסן געוואָרן. אַ טרויער איז איבערגעגאַנגען צווישן די, וועלכע האָבן געדאַרפט פאַרלאָזן דעם וואָקזאַל. די ידיעה האָט דעם געפאַקטן וואָקזאַל מענטשן געבראַכט צו היסטערישע געוויינען. פיל פון פובליקום, וועלכע האָבן ניט געוואָלט אַוועקגיין, זיינען מיט שווערדן אַרויסגעטריבן געוואָרן פון וואָקזאַל. אַ צעבראָכענער בין איך אַוועק אין דער נאַכט אַריין.

צומאָרגנס, גייענדיק איבער די מינסקער גאַסן האָב איך אומדערוואַרט דערזען גלובאָקער פורן, וועלכע פאָרן אַהיים. פריילעכער בין איך געוואָרן פון דעם פלאַן צו פאָרן אַהיים מיט פורן, מיט גלובאָקער צוזאַמען. דער וועג איז געווען, ווי מען האָט געקענט פאָראויסזען, ניט קיין גרינגער, ווייל מען האָט געהאַט דורכצופאָרן 23 מייל צווישן מינסק—גלובאָקע, און די סכנה איז געווען גרויס. נאָר דער ווילן צו פאָרן אַהיים איז געווען נאָך גרעסער. און די גרעסטע מניעה פון סכנה האָט אונז ניט אָפגעהאַלטן. אַרויספאָרנדיק פאַרנאַכט פון מינסק, און צוקומענדיק צו די וועגן, וואָס גייען זיך פונאַנדער — אַ וועג צו גלובאָקע און אַ וועג צו מאָלאָדעטשנער טראַקט, — פרעג איך אַזוי ביי די פורמאַנעס, צי זיי איז גוט באַקאַנט דער וועג? און צו מיר פאָרן גוט? זיינען זיי אויפגערעגט געוואָרן אויף מיין פראַגע און געענטפערט מיט כעס, אַז זיי וואָלטן ניט קענען דעם וועג וואָלטן זיי ניט געפאָרן. בין איך פאַרבליבן רואיק.

דער וועג איז געווען זייער אַ שלעכטער, פול מיט זאַמד, די פערד זיינען געגאַנגען טראָט ביי טראָט, און אַזוי פאַמעלעך און שווערלעך זיינען מיר אָפגעפאָרן 8—9 ווערסט. פלוצלונג זיינען מיר געוואָרן באַלויכטן עפעס פון אַ שיין, וואָס מיר האָבן אַליין ניט געוואוסט וואָס דאָס איז, נאָר מיר זיינען געקומען צום געדאַנק, אַז דאָס מוז זיין אַ פראָזשעקטאָר. דערשראָקענע פון דעם צופאַל, האָבן מיר דערוואַרט דעם קבלת פנים. צייט 10 מינוט איז אָנגעלאָפן אַן אויטאָ, וואו ס'איז געזעסן אַ גענעראַל מיט זיין אַדיוטאַנט. אָפשטעלנדיק דעם אויטאָ, האָט דער אַדיוטאַנט אַ געשריי

געגעבן צו אונז: „שטייט”! מיר האָבן געפאָלגט און זיך אָפּגעשטעלט. „וואוהין פאָרט איר?” (מיר האָבן זיי אויסגעקליבן אַלס פאָרשטייער), האָב איך געענטפערט קיין גלובאָקע. דערהערנדיק מיין ענטפער, האָט ער נאָך בייזער אַ געשריי געגעבן: „שפּיאָנען! צו פאָרן קיין גלובאָקע דאַרף מען פאָרן דורך דאָלהינאָוו — און איר פאָרט קיין מאָלאָדעטשנע. שפּיאָנאַזש! „איר פאָרט איבערגעבן די דייטשן אַלץ”, און אַרויסכאַפּנדיק דעם רעוואָלווער, האָט ער זיך געצילט גלייך אין מיר צו שיסן. „מיר קענען אייך אויסגעצייכנט! שרייט ער נאָך העכער, — „צוליב אייך פאַרשפּילן מיר אויף די פראָנטן” — די מלחמה ווערט צוליב אייך פאַרשפּילט!”.

אונזער טראַנספּאָרט, וועלכער איז באַשטאַנען פון אָנגעזעענע בעלי־בתּים און פון די פורמאַנעס, באַקומענדיק אַזעלכע אָנצוהערענישן פון אַ גיכן אומדערוואַרטעטן טויט, האָט זיך אויף אַ קול פונאַנדערגעוויינט ווי אין מיטן אַ מדבר. דאָס האָט גערירט דעם גענעראַל, וועלכער איז האַסטיק צוגעלאָפן צו דעם היציקן גרויזאַמען אַדיוטאַנט, האָט באַפוילן אָפּצוהאַלטן זיין אורטייל און האָט זיך גלייך געווענדעט צו מיר: „ראַבין! אייער פאָרן אויף דעם ניט ריכטיקן וועג באַווייזט בולט, אַז איר זייט שפּיאָנען” און דער חשד איז מיט אַ גרונט. זיי האָבן געמאַכט אַן אונטערזוכונג ביי אונז אין די וועגנער און האָבן געפונען די אתרוגים־קעסטלעך און לולבים. ווען איך האָב זיי געגעבן צו דערקלערן די באַדייטונג פון די זאַכן, האָבן זיי ווייניק פאַרשטאַנען, און דער אַדיוטאַנט האָט ווידער זיך גענומען צו זיינע כּלי־זיין און האָט ווידער אָנגעהויבן שרייען: „ה׳ גענעראַל, איר זעט דאָך באַשיינפּערלעך, אַז זיי זיינען שפּיאָנען? פעלט אייך דען נאָך באַווייזן? זיי פאָרן קיין מאָלאָדעטשנע און פירן באָמבעס אין די קעסטלעך!” און שיסט גלייך אויס, — נאָר צום גליק איז די קויל פאַרביי־געלאָפן און האָט אונז ניט געטראָפן.

אונזער געוויין האָט זיך נאָכמער פאַרשטאַרקט (עס איז ניט צו באַשרייבן דעם איינדרוק און דעם אויסזען, ווען עלטערע און יינגערע מענער וויינען) און דאָס האָט אויף דעם גענעראַל וואַרשיינלעך געמאַכט אַן איינדרוק. ער האָט זיך געווענדעט צו מיר נאָכאַמאָל און געפרעגט, פאַרוואָס פאָרן מיר מיט דעם וועג. האָב איך געענטפערט, אַז מיר האָבן פאַרבלאָנדזשעט און האָב געבעטן דעם גענעראַל, אַז ער זאָל אַליין אויספרעגן די פורמאַנעס, וועלכע דערפער ס׳רינגלען אַרום גלובאָקע און וועלכע מאָלאָדעטשנע. פאַרשטייט זיך, אַז די פורמאַנעס האָבן קלאָר און דייטלעך אויפגעוויזן גלובאָקער אומגעגנט, און וועגן מאָלאָדעטשנער געגנט האָבן זיי קיין אָנונג ניט געהאַט — און ווען ער האָט געזען, אַז מיר האָבן אויפגעוויזן אַלץ ריכטיק נאָך דער קאַרטע, וואו ער האָט נאָכגעקוקט, האָט ער געזאָגט צו זיין אַדיוטאַנט: „זייערע פנימער — און זייער האַרציקער געוויין ווייזט ניט אַרויס קיין שום פאַרדאַכט צו רעכענען זיי פאַר שפּיאָנען. דעריבער האַלט איך זיי פאַר אומשולדיק”.

נאָר נאָך אַ קליינער באַראַטונג האָט דער גענעראַל באַפוילן אונז פאָרן צוריק אין מינסק, און איבערגעבן אונז צום געריכט, זאָל דער געריכט אויפקלערן אונזער שולד אין שפּיאָנאַזש. ס׳איז אונז געוואָרן אומהיימלעך, ווער ווייס, ווי וועט אונז דער מיליטערישער געריכט אָנערקענען?... נאָר ניט צו מאַכן, מיר פאָרן... דער אויטאָ האַלט אונז אויף דער וואָך און טריט ביי טריט פאָרט ער מיט אונז צוזאַמען, כּדי מיר זאָלן ניט אַנטלויפן. אָפּפאָרנדיק אַזוי, גיט זיך אַ ווענדע צו אונז נאָכאַמאָל דער גענעראַל: „ראַבין! איך באַפריי אייך! נאָר זייט וויסן, אַז איר זייט אין אַ סכּנה. פאָרט צוריק קיין מינסק, אויב איר פאָרט ווייטער — וועט געוויס אייך ניט אויסמיידן דער פאַרדאַכט אין שפּיאָנאַזש־טעטיקייט. דער וועג איז פול מיט קאָזאַקן, וואָס וועלן אייך באַפאַלן, און, צווייטנס, וועלן די דייטשן אייך אויך ניט שאַנעווען”... באַדאַנקענדיק דעם גענעראַל פאַר זיין טובה און עצה, האָבן מיר זיך אומגעקערט צוריק קיין מינסק.

נאָר צומאָרגנס האָבן מיר זיך ווידער געלאָזט אין אונזער וועג אַריין, צו גלובאָקע. אָפּפאָרנדיק 6 מייל פון מינסק, האָבן מיר געטראָפן די אַנטלויפנדע מיליטער און קאָזאַקן פון פראָנט. ס׳איז ניט פאָרצושטעלן דעם פּחד און שרעק, וואָס איז אונז באַפאַלן. איך האָב באַשלאָסן צו פאָרן צוריק קיין מינסק — דינגענדיק אַ פור פאַר 10 רובל (די פורמאַנעס זיינען פאַרבליבן איינגעשפּאַרט און זיינען געפאָרן דורך די קוילן און קלעפּ אַהיים...) בין איך זיך געפאָרן קיין מינסק. וועגן עסן האָט מען קיין צייט ניט געהאַט צו טראַכטן. און דאָ האָט זיך דערמאָנט, אַז מ׳איז גוט אויסגעהונגערט. די פור, וואָס האָט מיר געבראַכט כּמעט צו כּל־נדרי צו דער ערשטער הויז פון מינסק, איז אַליין אָפּגעפאָרן, איילנדיק זיך ניט צו פאַרשפּעטיקן אין איר דאָרף. ס׳האָט געדילט גערעגנט, אויסגעהונגערט, דורכגענעצט, געפּייניקט פון די זלזולים פון די קאָזאַקן, בין איך פאַרבליבן אַליין שטיין אויפן אָנהויב גאַס פון מינסקער פאָרשטאָט. ניט קענענדיק טראָגן מיט זיך אַלע פּעקלעך — און ניט וויסנדיק, וועלכע מענטשן ס׳רינגלען אַרום די הייזער, איז מיין לאַגע געווען ניט מקנא צו זיין.

פלוצלונג איז אָנגעפאָרן אַ יידישער פורמאַן, וועלכער האָט זיך געאיילט שוין מיט אַ פאַרשפּעטיקונג אַהיים צו פאַרפאַסטן זיך. און לויט מיין בקשה און צוזאָג אים צו באַצאָלן 5 רובל, האָט ער מיר דערפירט צו אַן אַכסניה. ס׳איז שוין געווען נאָך ליכט־בענטשן, עסן האָט מען שוין ניט געטאָרט. און ניט קוקנדיק, וואָס איך האָב שוין כּמעט ווי צוויי טעג געהאַט ניט געגעסן, האָב איך, פאַרטרינקענדיק אַ גלאָז טיי, מיט דעם זיך פאַרפאַסט און אַוועק אין שול. אין דער פול געפּאַקטער שול, ביי די פיל אָנגעווייטאָגטע הערצער, ביי די אַלע היימלאָזע און אַרויסגעשיקטע און אַלערליי מלחמה־קרבנות געבראַכטע אין מינסק, וואָס האָבן איצט פאַרפולט די שול, האָט דעם חזנס כּל נדרי־ניגון געמאַכט אַ דערשיטערנדיקן איינדרוק. און נאָך מער, ווען דער שמש איז אַרויף אויף די בימה און האָט אויסגערופן אַ כּרוז בידיעת הרבנים, אַז מ׳זאָל גיין ברענגען עסנוואַרג און טראָגן אויפן וואָקזאַל צו געבן עסן די אָנגעלאָפענע אין געבראַכטע צוגן, וואָס פלעגן אָנקומען מינוטנווייז פון סמאָרגאָן, אָשמענע, מאָלאָדעטשנע, וואָלאָזשין א. אַז. וו. איז געוואָרן אַזאַ יאָמערלעכער געוויין, אַז ס׳האָט זיך געדוכט, אַז אין די שול־ווענט זיינען דורכגעגאַנגען די ימים טרערן פון די פיל טויזנטער הערצער, וואָס האָבן געעפנט זייער קוואַל.

אייביק וועט דאָס בילד פאַר מיר לעבן.

.3

אין דעמזעלבן יום־כּפּור פון יאָר 1915, ווען איך האָב געמוזט פאַרבלייבן אין מינסק זיינען אָנגעלאָפן קאָזאַקן אַרויסצוטרייבן די דייטשן, וועלכע האָבן פאַרנומען גלובאָקע. אין שטעטל איז דאָן געווען מיין פאָטער, דער אַלטער רב, וועלכער האָט מיר פאַרביטן. די בתּי־מדרשים זיינען געווען פול מיט הונדערטער מענטשן און מיט אַ סך היימלאָזע, וואָס זיינען געווען געצוואונגען זיך אָפּצושטעלן אינמיטן וועג צוליב די שנעלע אָקופּירונגען. שטייענדיק אַזוי אַלע אין שול און דאַווענענדיק אין קיטלען און מיט צעבראָכענע הערצער, זיינען זיי געוואָרן אויפגעטרייסלט פון אַן אָנפאַל: אין שול איז פלוצלונג אַריינגעפאָרן אַ קאָזאַק אויף אַ פערד און האָט

אויפגעפאָדערט די יידן אַרויסצוגעבן די דייטשן און שפּיאָנען. נאָך גרויסע שרעק און גרויסע מי האָט זיך איינגעגעבן צו באַפרייען זיך מיט אויסלייז-געלט. נאָר ס'האָט ניט לאַנג געדויערט און ס'האָט זיך באַוויזן נאָך אַ גרעסערע אָפּטיילונג קאָזאַקן און זיי האָבן גענומען קאָנטראָלירן... די קאָמאָדן, בופעטן, צי געפינען זיך ניט אין זיי דייטשן... דערביי האָבן ניט אויסגעפעלט קיין אַקטן פון גוואַלטאַטן, מיסברויכן און רויבעריי. די באַפעלקערונג איז געוואָרן געפּייניקט און איז געבליבן הילפלאָז און מאַכטלאָז קעגן דעם שווערד און קאָזאַצקן ווילדן כח און חיהשן אינסטינקט.

דער טאָג איז געווען טונקל ווי די נאַכט. די מענער האָבן גענומען זוכן אַ מיטל צו פאַרהיטן דעם כבוד און ערע פון די פרויען און טעכטער און זיך געזאַמלט אין באַהאַלטענע ערטער גרופּנווייז, גלויבנדיק, אַז צוזאַמען וועט זיך זיי אפשר איינגעבן צו פאַרהאַלטן די אָנפאַלער. נאָר ליידער האָט זיך זיי ניט איינגעגעבן. די שוואַרצע נאַכט וועט אייביק ניט פאַרגעסן ווערן אין דער בלאַט געשיכטע פון אונזער שטעטל. די געשרייען פון די קרבנות זיינען נאָך גענוג הילכיק, אַז עס הערט זיך נאָך איצט זייער קללה. אין אַן אָרט, וואו דאָרטן האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן אויך פיל פרויען, האָבן זיך די בלוטדורשטיקע קאָזאַקן געוואָלט באַנוצן מיט זייערע שווערדן. די מערדער האָבן איינגעפונען אַ שפּאָגל נייעם מיטל. זיי זיינען אַרויפגעגאַנגען אויף אַ בוידים און אָנגעצונדן פאַפּיר מיט שטרוי, וואָס איז געלעגן אויפן בוידים און געמאַכט אַ שרפה. דערמיט האָבן זיי געוואָלט געווינען די מעגלעכקייט, ערשטנס, אויסצוטראַכטן אַ בלבול, אַז דאָס איז געטאָן געוואָרן דורך יידן צו געבן אַ צייכן די דייטשן, און, צווייטנס, אויסצוניצן דערביי די הילפלאָזיקייט פון די מענער און פרויען, וועלכע האָבן געהאַט נאָר איין טיר צו אַנטלויפן. ס'איז אַנטשטאַנען אַ פּאַניק מיט היסטערישע יאָמערלעכע געוויינען. פיל האָבן פאַרגעסן די ערשטע כוונה פון די קאָזאַקן און האָבן פון שרעק געגעבן סיגנאַלן וועגן דער שרפה. דאָס האָט, פאַרשטייט זיך, די קאָזאַקן געגעבן שטאָף צו באַשטעטיקן זייער בלבול און צו דערווייזן, אַז די יידן זיינען שפּיאָנען און דאָס האָבן זיי עס געגעבן דעם שונא די סמנים, וואו די רוסן געפינען זיך. זיי האָבן ניט געשאַנעוועט קיינעם... פון די פענסטער איז מען געשפרונגען. פון בוידימער פון די שכנישע הייזער, וואו ס'זיינען געווען פאַרבאַהאַלטן פרויען, זיינען זיי געשפרונגען אָן לייטערס. נאָך פיל זיינען די קאָזאַקן נאָכגעלאָפן. פיל זיינען געלאָפן אין טייך אַריין, אין וואַסער ביזן האַלז... אַזוי האָבן זיך געטרונקען מיידלעך און מוטערס מיט קינדער אויף די הענט, שווימענדיק אין טייך...

ווער ווייס מיט וויפיל נאָך קרבנות וואָלט די זאַך אַראָפּ, ווען ניט דער נס, וואָס אין דעם מאָמענט, ווען זיי האָבן גענומען שיסן אויף די מענטשן אין טייך און אין די דערבייאיקע הייזער, וואו ס'זיינען נאָך איצט פאַראַן לעכער אין די דורכגעשאָסענע באַלקנס, זיינען אָנגעלאָפן צוויי אַנדערע קאָזאַקן מיט פּיקעס, מיט אַ יידן, וואָס האָט געהאַט אַ באַפעל פון אָפיציר אין צוויי שעה צייט צוצושטעלן אַ גוזמאדיקע צאָל פודן ברויט. פאַר ניט אויספירן דעם באַפעל ווערט ער געהאַנגען, און ס'איז שוין געווען אָנגעגרייט דער סלופּ. זיי זיינען געקומען אין דעם הויף, ערשטנס, ווייל זיי האָבן דערהערט דעם סיגנאַל און, צווייטנס, איז אין דעם זעלבן הויף געווען אַ בעקעריי. ווי ס'ווייזט אויס האָבן די קאָזאַקן זיך דערשראָקן, דערזעענדיק דעם פּאַטרול, און זיינען זיך צעלאָפן. זיינען גלייך אָנגעפאָרן און אָנגעלאָפן יידן און האָבן גענומען לעשן די שרפה, וואָס וואָלט פאַרכאַפּט די גאַנצע שטאָט.

די דאָזיקע טראַגישע פאַרפאַלן האָבן געבראַכט צו פיל קרבנות און דערהויפּט צווישן די היימלאָזע, וועלכע זיינען געווען אָנגעפאָרענע און האָבן ניט געוואוסט פון די באַהאַלטענע ערטער. דער חורבן פון שטאָט האָט לאַנג ניט געקענט פאַרגעסן ווערן. און אַפילו שפּעטער-צו, ווען ס'האָבן זיך באַוויזן גרעסערע חיילות מיט פעסטע פאַראָרדענונגען, האָט מען זיך ניט געקענט באַרואיקן און מען האָט אויסגעפּועלט, אַז פון פּעטערבורג זאָלן אַראָפּקומען קאָמיסיעס אויסצופאָרשן די גרוילן. די קאָמיסיעס זיינען אַראָפּגעקומען, האָבן אַרומגעקוקט דיזעלבע הויז, האָבן אַלץ פאַרפּראָטאָקאָלירט און צוגעזאָגט דערביי אַנטשעדיקונג... די אַנטשעדיקונג איז ניט געקומען.

נאָר איין-איינציקע אַנטשעדיקונג האָבן מיר יאָ געהאַט. דאָס איז געווען שפּעטער, ווען אין איינער פון אונזערע גאַסן, וואו ס'האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אַ היבש ביסל יידישע פאַמיליעס, האָבן זיי ניט אויפגעהערט צו הייצן די אויוונס און ברענען אייזנס, און ווי נאָר ס'האָבן זיך באַוויזן די קאָזאַקן, וועלנדיק אַריינגיין מיט געוואַלט צו זיי אין די הייזער, האָבן זיי מיט די געברענטע אייזנס געשפּאָלטן די קעפּ פון די קאָזאַקן, פאַרטיידיקנדיק העלדיש זייערע פאַמיליעס און פאַרמעגנס.

דאָס איז געווען אַ שטראַלנדע טרייסט אין אונזער נקמה...

.4

אין יאָר 1919, ווען די באָלשעוויקעס זיינען אָפּגעטראָטן און דער פּוילישער חייל האָט פאַרנומען גלובאָקע און דער לעצטער געשלעג איז פאָרגעקומען אין שטאָט, איז די שטאָטישע באַפעלקערונג אין טויט-שרעק געלעגן פאַרבאַהאַלטן אין די פאַרמויערטע קעלערן.

די גראַנאַטן זיינען געפלויגן איבער די דעכער און קיין שום לעבעדיקער ציווילמאַן האָט זיך ניט באַוויזן אין די גאַסן, אויסער די מיליטער-לייט, וועלכע האָבן בלוטיק פאַרטיידיקט די פּאָזיציעס.

ווען איך צוזאַמען מיט מיינע נאָענטע שכנים זיינען אויך געזעסן אין אַ קעלער און מיט שרעק געוואַרט אויף דעם אויסגאַנג פון דער לאַגע, האָט פּלוצלונג ווער אַ קלאַפּ געטאָן אין טיר און ס'איז אַריין אַ סאָלדאַט און מיר אויפגעפאָדערט, איך זאָל גלייך גיין אין קאָמענדאַנטור ביים פראָנט. געצוואונגענערהייט בין איך געגאַנגען איבער די גאַסן. אָפט האָט מען זיך געמוזט אָפּשטעלן צוליב דעם, וואָס ניט ווייט פון אונז פלעגט פאַלן אַ גראַנאַטע אָדער מיר פלעגן מוזן גיין איינגעבויגענערהייט, כדי צו פאַרהיטן זיך פון די קוילן, וואָס זשוזשענדיק פלעגן זיי פליען איבער מיין קאָפּ און אויערן. פאַרבייגייענדיק אייניקע גאַסן, האָב איך באַמערקט, ווי ס'גייען אַרום פאַרשוינען אין זעלנערישע קליידער און זוכן באָלשעוויקעס און דערווייל ראַבירן זיי די הייזער...

דער סאָלדאַט האָט מיר צוגעפירט צום הויז פון דעם אַלטן חסידישן, דעם געוועזענעם רב, וואו דער קאָמענדאַנט האָט שוין געוואַרט אויף מיר. ווען איך בין אַריין אין שטוב, האָט אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק דער אויסזען פון דעם אַלטן קראַנקן רב, וואָס איז געזעסן דערשראָקן און דער ביקס מיט דעם קאַנטשיק זיינען געלעגן לעבן אים אויפן טיש. און ווי איך בין אַריין, האָט גלייך גענומען דער קאָמענדאַנט דעם קאַנטשיק אין האַנט און האָט אַ קלאַפּ געטאָן איבערן טיש און מיט אַ געשריי האָט ער מיר באַפוילן, אַז אויב ביז 4 אַזייגער נאָך האַלבן טאָג (און דאָס איז געווען 10 אין דער פרי) וועט ניט ווערן דורך מיר צוגעשטעלט 40 פוד האָבער, 10 פוד היי, 5 פוד ברויט, 200 פעקלעך טאַבאַק, וועל איך דערשאָסן ווערן. ווען איך האָב פּרובירט

וועלן אים געבן צו דערקלערן, אַז אין דעם צושטאַנד, אין וועלכן די שטאָט געפינט זיך איצט, איז אוממעגלעך דאָס צו דערפילן, האָט ער מיר נאָך בייזער איבערגעחזרט זיין באַפעל.

איך בין אַרויסגעגאַנגען אַ צעבראָכענער און אַ דערשראָקענער און גענומען קלערן ווי קען איך אויספירן דעם באַפעל. און גענומען גיין פון הויז צו הויז, קלאַפּנדיק אין די קעלערן און בעטן, אַז מען זאָל זען מיר העלפן אַרויסגיין פון מיין לאַגע, אָבער אומזיסט, ווייל אומעטום האָט מען מיר באַוויזן נאָר די צעראַבירטע הייזער און געשעפטן. און אַרומגייענדיק אַזוי ביז 3 אַזייגער, האָב איך קוים מיט געבעט און רחמים געקראָגן צוויי מיט אַ האַלב פוד האָבער, 5 פוד היי, 5 פוד ברויט און 200 פּעקלעך טאַבאַק. און מיטנעמענדיק דאָס צום קאָמענדאַנט, האָב איך אים דערקלערט, אַז מער קען מען ניט קריגן. האָט ער אַרויסגענומען דעם זייגער און האָט אַ קוק געטאָן און האָט מיר באַוויזן, אַז צו 4 אַזייגער איז נאָך דאָ איין שטונדע און צייט 1 שעה מוז איך נאָך דאָס איבעריקע ערפילן, ווען ניט באַצאָל איך מיטן לעבן. בין איך אַרויסגעגאַנגען אַ צעטומלטער און אַ האָפענונגסלאָזער, ניט ווינסדיק פון וואַנעט ס׳קען קומען די הילף אין מיין לאַגע.

פלוצלונג איז מיר דורכגעלאָפן אַ געדאַנק, אַז איך האָב באַמערקט ווי ס׳איז אַריינגעפאָרן אַ פּאָלקאָווניק און אַז איך זאָל זיך צו אים ווענדן. ווען איך האָב זיך געמאָלדן און אַריין צו אים, האָט ער מיר זייער פריינדלעך אויפגענומען און געפרעגט מיט וואָס קען ער מיר דינען. זיין אויפנאַם האָט מיר שטאַרק געמוטיקט און איך האָב אים איבערגעגעבן דעם קאָמענדאַנטס באַפעל און וועגן דעם קורצן טערמין, וואָס מיר איז פאַרבליבן און אַז דאָס איז איצט אוממעגלעך אויסצופירן. איך האָב אים געבעטן אַראָפּנעמען פון מיר די לאַסט, פאַרשטעלנדיק די גאַנצע לאַגע פון דער שטאָט, ווי ס׳איז אַלץ צעראַבירט געוואָרן און די גאַנצע צייט האָט מען ניט געטאָרט און ניט געקענט פאָרן אין די דערפער איינקויפן פּראָדוקטן און די שטאָט אַליין געפינט זיך אָן שפּייז-פּראָדוקטן און אָן סחורות. ווי דער פּאָלקאָווניק האָט אויסגעהערט מיין דערקלערונג איז ער אַנטשטוינט געוואָרן און פאַרוואונדערט האָט ער געפרעגט, צי ס׳איז מעגלעך, אַז ס׳זאָל זיין אַזאַ פאַראָרדענונג פון קאָמענדאַנט? און האָט מיר איינִיקע מאָל דאָס איבערגעפרעגט און איך האָב יעדן מאָל באַשטעטיקט. דאַן האָט ער גלייך אַליין טעלעפאָניש אַרויסגעפאָדערט צו זיך דעם קאָמענדאַנט און מיר האָט ער געבעטן אויפוואַרטן. איך האָב געפילט, אַז ג׳ האָט מיר צוגעשיקט מיין ישועה. מאָמענטאַל איז געקומען דער קאָמענדאַנט, און ווי ער האָט מיר דערזען, האָט ער זיך אומגעביטן אין פּנים. און ווען דער פּאָלקאָווניק האָט ביי אים געפרעגט וועגן דעם באַפעל צו דעם ראַבין, אַז מ׳זאָל צושטעלן 40 פוד האָבער, 10 פוד היי, 5 פוד ברויט און 200 פּעקלעך טאַבאַק ביז 4 אַזייגער און אויב ניט, וועט דער ראַבין דערשאָסן ווערן, איז פון אים געוואָרן אַ גל עצמות. דער פּאָלקאָווניק האָט וואַרשיינלעך אויך באַמערקט זיין צעטומלטקייט און האָט שטאַרק געשריען אויף אים און געזאָגט: „צי דען ווייסטו ניט, אַז ביי אונז זיינען ניטאָ קיין רעקוויזיציעס? מיט וואָסער רעכט ביסטו געקומען אין אַ שטאָט און פאָדערסט פון רב, אַז ער זאָל דיר אַלץ צושטעלן און נאָך פאַר דעם פרייז פון טויט? צוליב אייך ווערט באַשמוצט אונזער פּויליש פאָלק!” און האָט אים גלייך אַראָפּגעזעצט און געמאַכט אַ צווייטן קאָמענדאַנט אויף זיין אָרט. און מיר האָט ער געהייסן גיין אַהיים און האָט געזאָגט: „זייט רואיק, ראַבין, מיר זיינען געקומען אייך באַפרייען פון דעם יאָך און ביי אונז וועט ניט זיין קיין רעקוויזיציעס”.

איך קען ניט איבערגעבן מיין שמחה פון דעם פּאָלקאָווניקס גוטע רייד און איך בין אַוועק אַ באַרואיקטער אַהיים. אינדערהיים, ד. ה. אין קעלער, האָב איך געפונען די באַאומרואיקטע פאַמיליע, וועלכע האָט שוין אומגעדולדיק געוואַרט אויף מיר.

און ווי איך האָב נאָר פּראָבירט נעמען וואָס צו עסן נאָך אַזאַ שווער-איבערלעבטן טאָג, איז ווידער געקומען אַ זעלנער מיט געווער אין האַנט. דער פּאָלקאָווניק רופט מיר. בין איך ווידער דערשראָקן געוואָרן. ווער ווייס, וואָס קען ווידער זיין? נאָר ווי איך בין אַריין און דערשפּירט ווידער דעם קבלת-פּנים פון פּאָלקאָווניק, האָב איך דערפילט, אַז ס׳איז ניטאָ קיין סכנה. ער האָט גלייך זיך געווענדעט צו מיר און האָט געזאָגט: ה׳ ראַבין, איר האָט מיר געזאָגט, אַז ביי אייך געפינט זיך צוויי מיט אַ האַלב פוד האָבער און די היי, און די ברויט און די טאַבאַק, — און פאַרשטעלנדיק דערביי די לאַגע פון די זעלנער און פערד און די צעקאָכטקייט פון די זעלנער, — האָט ער מיר געבעטן פאַר וואָס פאַר אַ פרייז איך וועל אים ניט זאָגן, אָפּצולאָזן אים די פּראָדוקטן. האָב איך אים געענטפערט, אַז איך גיב דאָס אַלץ אָפּ די זעלנער אַלס מתּנה, אָן געלט. האָט ער מיר געדריקט די האַנט און זייער באַדאַנקט, און גלייך האָב איך אים צוגעשטעלט די אַלע פּראָדוקטן. ער האָט מיר ניט אָפּגעלאָזן און האָט מיר גענומען אונטערן אָרים און אַרויסגעגאַנגען און האָט אויסגעשטעלט אַלע זעלנער און האָט פאַר זיי געהאַלטן זייער אַ וואַרעמע רעדע און האָט זיי איבערגעגעבן די מתּנה, וואָס איך האָב געבראַכט און האָט יעטווידערן צעטיילט טאַבאַק, ברויט, די האָבער און היי פאַר די פערד. און צופירנדיק דעם ניי-באַשטימטן קאָמענדאַנט, האָט ער מיר באַקאַנט געמאַכט מיט אים און האָט אים איבערגעגעבן, אַז אַלץ וואָס איך וועל פאָדערן און בעטן אַלס פאָרשטייער פון שטאָט זאָל גלייך ווערן ערפילט. און אַדאַנק דעם זיינען פיל אומשולדיקע מענטשן באַפרייט געוואָרן. און די שטאָט איז רואיקער געוואָרן.

5.

אין יאָר 1920 זיינען פאָרגעקומען אָפטע אַריינמאַרשירונגען און אָפּטרעטונגען פון פּוילישע און באָלשעוויסטישע חיילות אויף אונזער פראָנט. בעת איינער פון די דאָזיקע אַריינמאַרשירונגען פון פּוילישן חייל האָט פּאַסירט אַזאַ פאַל. ניט ווייט פון אונזער שטעטל איז געווען דער פראָנט און דער באַוועגלעכער שפּיטאָל ביים פראָנט אונטער דער אָנפירונג פון ד״ר ענגעל האָט זיך אויך געפונען אין שטעטל.

אויף דעם צווייטן טאָג פון אַריינמאַרשירן אין שטאָט האָט מען מיר געשיקט רופן פון שפּיטאָל, בכדי מקבר צו זיין אַ יידישן זעלנער, וועלכער האָט פאַר זיין שטאַרבן געבעטן דעם דאָקטאָר אים צו טאָן די לעצטע בקשה און באַערדיקן אים אויף אַ יידישן בית-עולם. איך בין, פאַרשטייט זיך, ניט קוקנדיק, וואָס די גאַס און די שטאָט איז געווען נאָך באַלאַגערט און האָט אויסגעזען ווי אויף אַ שלאַכטפעלד, גלייך אַוועק צו דעם גבאי פון דער חברא קדישא. אויף צוריקוועגס האָבן מיר דערזען, ווי סאָלדאַטן רייסן און שערן אַ יידן די באָרד, האָט זיך דער גבאי אָנגענומען פאַר דעם יידן. האָבן זיי אָפּגעלאָזן יענעם יידן און זיי האָבן זיך גענומען פאַר דעם גבאי׳ס באָרד. האָב איך זיך אָנגענומען פאַר דעם גבאי. האָבן זיי זיך אַלע אַקער געטאָן צו מיר און אָנגעהויבן שלאָגן. ווי איך האָב דערזען, אַז ס׳איז ניט גוט, האָב איך אָנגעהויבן לויפן און זיי נאָך מיר, אַ גרופּע זעלנער ביז 50 מאַן. און דער טומל איז געוואָרן אין

גאַס נאָך גרעסער. איך בין קוים דערלאָפן צו אַ הויז, וואו איך האָב זיך געוואָלט פאַרבאַהאַלטן, נאָר זיי האָבן מיר ניט אָפּגעלאָזן, און אין שטוב האָט זיך אָנגעהויבן מיין ראַנגלעניש מיט דער גרופּע זעלנער, וואָס האָבן פאַרפולט די גאַנצע שטוב. און ווי איך האָב זיך ניט פאַרטיידיקט און געראַנגלט זיך מיט זיי, האָבן זיי דאָך אין זייער גרויסער צאָל מיר מכבד געווען יעדערער מיט זיין חלק. אַזוי, אַז איך בין געווען שוין געטראָטן דורך זיי מיט די פיס.

צווישן זיך האָבן זיי באַשלאָסן, אַז מען זאָל מיר שיסן גלייך אויף אַן אָרט. און ווען איך האָב דערזען דעם אָנגעלאָדענעם דורך זיי און געצילטן אויף מיר רעוואָלווער, האָב איך מיט מיינע לעצטע קרעפטן אָפּגערוקט דעם רעוואָלווער אַן אַ זייט אין דער ריכטונג ניט צו מיר. בלויז בדרך נס בין איך ניצול געוואָרן פון זיי, און דער צופאַל איז געווען אָט דער. נאָך דעם טומל אין גאַס, זיינען אייניקע פון מיין פאַמיליע געלאָפן זוכן הילף, האָבן זיי באַגעגנט אין גאַס אַ קאַפּיטאַן (וואָס ער איז געווען קסיאָנדז פון אַ דיוויזיע), האָבן אים דערציילט די זאַך און געבעטן קומען און זען אָפּצוראַטעווען מיר. ווען ער איז אַריינגעקומען, האָבן די זעלנער, ניט ווייסנדיק ווער ס'גייט, אַ רעטער, אָדער אַ באַשולדיקער, דערשראָקן געוואָרן פאַר זיינע קאַפּיטאַנישע עפּאָלעטן און האָבן מיר גלייך אָפּגעלאָזן. דאָס איז געווען אין דעם מאָמענט, ווען איך האָב אָפּגעקערט פון זיך מיט מיינע לעצטע קרעפטן דעם אָנגעלאָדענעם רעוואָלווער. די זעלנער צווישן זיך האָבן באַשלאָסן צו זאָגן, אַז איך האָב זיי געוואָלט שטעכן מיט אַ מעסער. און ווען דער קאַפּיטאַן האָט זיי אויסגעהערט, איז ער געוואָרן אין כעס און ניט אויספרעגנדיק מיר, האָט ער מיט אַ געשריי מיר געהייסן גלייך צו ווייזן אים דעם מעסער. ווען איך האָב גענומען פּראָטעסטירן און אויפווייזן, אַז איך האָב קיינע שום מעסערס ניט געהאַט און ניט געשטאָכן, האָט דער קאַפּיטאַן אַ זאָג געטאָן, אַז ער אַליין האָט געזען ווי איך האָב געשטאָכן די זעלנער מיט דעם מעסער. ווען מיינע אויפקלערונגען און באַווייזן דעם קאַפּיטאַן האָבן ניט געהאָלפן צו באַפרייען זיך פון דעם בלבול, איז מען געלאָפן זוכן הילף ווידער צו הויכע באַאַמטע. קיין קאָמענדאַנט איז נאָך ניט געווען.

לויפנדיק אַזוי, האָט מען באַגעגנט, אַריינפאָרנדיק שוין אויפן מאַרק, אַן אַבאַז. און צום גליק איז דאָס געווען



דער ערשטער שטאַב פון פראָנט. איז מען צוגעלאָפן צום גענעראַל און מיט געבעט און טרערן דערציילט אַלץ און געבעטן פאַר די שוצלאָזע באַפעלקערונג הילף. ער האָט גלייך באַפוילן דעם קאָמענדאַנט פון שטאַב, ער זאָל גיין אויף דעם אָרט פון פאַל און פעסטשטעלן די זאַך. און ווען ער, איז געקומען האָט ער מיר מיט דעם קאַפּיטאַן געפונען אויסטענהנדיק זיך. די זעלנער זיינען נאָך אַלץ געווען דערביי און האָבן אויסגעדריקט זייער באַדויערונג, וואָס זיי האָבן מיר ניט דערהרגעט און צו ווייניק קרבנות געהאַט נאָך...

אויסהערנדיק מיר און אויסהערנדיק ניט נאָר די זעלנער, נאָר אויך דעם קאַפּיטאַן, האָט דער איידעלער קאָמענדאַנט פאַרשטאַנען מיין אומשולד און האָט מיר גלייך באַפרייט. נאָר דער קאַפּיטאַן האָט זיך ניט באַנוגנט און האָט בייז אַ זאָג געטאָן צום קאָמענדאַנט: „מיר אַלס קאַפּיטאַן, און פּאַטריאָט גלויבסטו ניט און פאָלגסט ניט, נאָר דעם זשידאָווסקן ראַבין, וועלכער שטעכט און שלאָגט פּוילישע זעלנער, גלויבסטו יאָ און באַפרייסט!“, האָט אויף דעם דער קאָמענדאַנט געענטפערט, אַז אַלס פּאָרוטשיק איז ער אונטערטעניק דעם טיטל פון קאַפּיטאַן — און האָט דערביי אָפּגעגעבן טשעסטש, — נאָר אַלס באַשטימטער פון שטאַב, אַלס שטאָט-קאָמענדאַנט, האָט ער רעכט צו האַנדלען ווי ער פאַרשטייט און דעריבער באַטאָנט ער נאָכאַמאָל, אַז איך ווער באַפרייט. איך בין אַריין אין שטוב, אַ צעפייניקטער, געשלאָגענער, און דער זעלנער איז נאָך אַלץ ניט געווען באַערדיקט.

ס'האָט ניט געדויערט קיין 10 מינוט, ווי צוויי זשאַנדאַרמען זיינען געקומען נאָך מיר און זיי האָבן מיר אַרעסטירט און געהאַלטן 6—7 שעה, ניט אויספרעגנדיק. דאָס אי'ז געווען דעם קאַפּיטאַנס אָנזאָג אין זשאַנדאַרמעריע.

דער אומזיסטער בלבול האָט אַרויפגעוואָרפן אַן אימה אויף די שטאָט. די יידישע באַפעלקערונג איז געווען זייער באַאומרואיקט. דער אָוונט האָט זיך דערנעענטערט. ס'איז קריגס-צושטאַנד. די זעלנער האָבן געדראָט אונטערצוציגדן די שטאָט און אַלץ צו פאַרניכטן. מיין הויז איז געווען פון זיי באַוואַכט און זיי האָבן געוואַרט אויף נקמה...

און דער דאָקטאָר וואַרט נאָך אַלץ אויף מיר צו מקבר צו זיין דעם זעלנער. האָט ער געשיקט נאָכאַמאָל אַ שטאַפעט צו מיר, האָט מען אים פון מיין פאַמיליע דערציילט די גאַנצע געשיכטע. איז דער דאָקטאָר גלייך געפאָרן אין



שטאַב און דערציילט אַלץ, ווי איך בין געגאַנגען לויט זיין באַפעל צו באַערדיקן אַ יידישן זעלנער, ווי איך בין באַפאַלן געוואָרן פון אַ גרופּע זעלנער און ווי איך בין מיט נסים אַרויס מיטן לעבן און ער האָט אויך דערציילט וועגן דעם גאַנצן בלבול פון קאַפּיטאַן מיט די זעלנער. האָט מען פון שטאַב טעלעפאָניש פאַראָרדנט דעם פּאָרוטשניק פון זשאַנדאַרמעריע מיר צו באַפרייען. איך האָב געבעטן דעם פּאָרוטשניק, ניט קוקנדיק וואָס איך בין אַזאַ העלד צו קענען שלאָגן אָדער שטעכן אַזוי פיל זעלנער, ער זאָל מיר געבן אַ באַגלייטער אַהיים, ווייל ס'איז אַ מורא צו גיין איבערן גאַס. און איך האָב געבעטן ניט נאָר אַ וואַך פאַר מיין הויז, נאָר אויך פאַר דער גאַנצער שטאָט, איבערגעבנדיק אים די דראָאונגען פון די זעלנער.

איך בין גלייך אַוועק אין שפּיטאָל און צוזאַמען מיט דעם גבאי און מיט אַ זעלנער האָבן מיר געפירט באַגלייטן דעם געשטאָרבענעם יידישן זעלנער און מקבר זיין אים אויפן יידישן בית-עולם...

ס'זיינען צו אָנגעווייטאָגט געווען אונזערע אַלעמענס הערצער דאַן. און איצט אַפילו קען איך ניט אויסדריקן אונזערע פיינלעכע איבערלעבענישן, וואָס מיר האָבן געהאַט פון דער מיסיע.

אַפילו צו באַערדיקן אַ יידן איז אויך אָנגעקומען שווער...

.6

איינמאָל, ווען איך בין אין יאָר 1920 געקומען צוליב געזעלשאַפטלעכע און פּערזענלעכע ענינים קיין ווילנע, בין איך געבליבן נעכטיקן אין גאַסטהויז פון ה' קאָוואַרסקי אויף קאָנע גאַס, וואו די גלובאָקער פורן פלעגן איינשטיין (דעמאָלט איז מען געפאָרן פּער-אַקס, מיטן צוג איז געווען פאַרבאָטן ציווילע פּערזאָנען). פּלוצלונג 10 אַזייגער אינאָוונט זיינען מיר אין גאַסטהויז באַפאַלן געוואָרן פון זשאַנדאַרמען און דעפינסיווע-לייט, צווישן וועלכע ס'האָט זיך אויך געפונען אַ גלובאָקער קריסט, וואָס האָט געדינט ביי זיי. מען איז צוגעטראָטן צו מאַכן אַן אונטערזוכונג: 1) צי אַלע האָבן פּשעפּוסטקעס (רייזע-ערלויבענישן), וואָס אין יענער צייט האָט מען געמוזט האָבן און 2) זען וואָס מען פירט און צי ס'איז ניטאָ קיין קאָקאָין און סאַכאַרין, וואָס איז שטרענג געווען פאַרבאָטן.

דרך אגב, זיינען ביידע מינים מסתמא געווען צווישן די פיל געסט פון די אַרומיקע שטעטלעך, וואָס צוזאַמען האָבן זיי באַטראָפן 50 פּערזאָן. די זשאַנדאַרמען זיינען אויך אַריין אין מיין צימער, וואו איך האָב שוין געשלאָפן, זיי האָבן

מיר אויפגעוועקט און געפונען מיין פשעפּוסטקע אין אָרדענונג. זיי זיינען אַרויס און פאַרגעלייגט דעם עולם צו געבן זיי 10.000 מאַרק אויף צו באַפרייען זיך פון דער אונטערזוכונג.

באַזונדערס האָט זיך אַרויסגעשטעלט דערביי אַלס שתדלן אַ יידישער זשאַנדאַרם, וועלכער האָט זיך געפונען צווישן זיי. ער האָט כלומרשט ניט געוואָלט דערלאָזן די אונטערזוכונג, בכדי ניט צו פאַראומגליקלעכן אַזויפיל יידישע פאַמיליעס. איז מען דורכגעקומען אויף 3000 מאַרק, וועלכע זיינען גלייך אויפן אָרט צוזאַמענגעקליבן געוואָרן פון עולם. און ערשט דאָ הויבט זיך אָן מיין טראַגעדיע, — פאַר מיין נאַאיוון צוטרוי צו אַלעמען און באַזונדערס אין יענעם מאָמענט צו דעם יידישן זשאַנדאַרם.

די זשאַנדאַרמען האָבן זיך אַנטזאָגט צו נעמען דאָס געלט, נאָר פון מיר וואָלטן זיי מסכים געווען... פאַרשטייט זיך, אַז מען האָט מיר אויפגעוועקט אין די האַרצרייסנדיקע סצענעס פון פרויען און יידן, וואָס האָבן זיך געבעטן רחמים צו טאָן די טובה צענדליקער פאַמיליעס און באַפרייען זיי פון אַרעסטן און שרעק, האָט מיר נאָך אַלץ ניט גובר געווען צו דעם טאָט — און די זשאַנדאַרמען האָבן זיך ווידער גענומען צו דער אַרבעט. איז מיר באַפאַלן אַ נייער האַגל פון געשרייען און געוויינערייען און געבעטן פון צענדליקער הערצער: „רבי! האָט רחמנות אויף אונזערע קינדער! וועט אייער געוויסן פאַרבלייבן רואיק, ווען איר באַפרייט ניט מיט אייערע הענט אַזוי פיל עלטערן און קינדער?".

און כאָטש מיין נאַטור איז עמפינדלעך צו די יידישע צרות, בין איך דאָך פאַרבליבן קאַלט צו דער מיסיע, וואָס מ'וויל אויף מיר אַרויפלייגן. איז אַריין צו מיר אין צימער דער זשאַנדאַר און אָנגעבנדיק זיך אַלס וואַרעמער ייד, וועלכער וויל ניט אומגליקלעך מאַכן אַזוי פיל יידישע משפחות, האָט ער מיר איינגערעדט, אַז ווען ער האָט שוין יאָ אויסגעפועלט אויף אויסצוקויפן מיט די געלט די פיל מענטשן, האָט ער שוין דערמיט באַוויזן זיין יידישע האַרץ.

און ווען איך האָב ביי אים געפרעגט, פאַרוואָס וויל מען דווקא, אַז איך זאָל געבן דאָס געלט, האָט ער מיר תמימותדיק געענטפערט, אַז צוליב דעם, וואָס ס'איז אַ גרויסער עולם, קען ווער פון די געסט אויף מאָרגן זיי אַרויסגעבן — און ווען איך וועל זיי דערלאַנגען, וועט קיינער זיך ניט וואַגן צוליב מיר קיינעם פון זיי אַרויסצוגעבן.



און ווען איך האָב אים געשטעלט די פראַגע, צי ער שאַצט אָפּ ווי געהעריק, וואָס ער פאַרלאַנגט פון מיר אַלס רב, האָט ער מיר איינגערעדט מיט זיינע נאַאיווע ענטפערס: „סטייטש, צי דען וועט ער פאַרלאַנגען, אַז אַ יידישער רב זאָל אַריינגעפירט ווערן? ס'איז דאָך אַ כלל-שליחות... און אַז ער מיינט ערנסט, האָט ער געשוואוירן מיט די אַלע קללות פון דער תוכחה און מיט דער תורה און מיט אַלע שבועות, אויב ער מיינט מיר אַריינצופירן. זיין כונה איז בלויז צו טאָן גוטס, אַלס ייד, די צענדליקער פאַמיליעס, וואָס געפינען זיך איצט אין דעם מאָמענט אין אַ גרויסער סכנה.

זיינע רייד פון איין זייט און די געשרייען פון די געסט פון דער צווייטער זייט האָבן מיר אַזוי דורכגענומען, אַז איך בין אַרויס אין עס-צימער, וואו די געלט איז געלעגן אויפן טיש און האָב אַ שאַר געטאָן דאָס געלט צו דעם צווייטן זייט טיש, וואו די זשאַנדאַרמען זיינען געשטאַנען — און אַזוי אַרום האָבן זיי צוגענומען דאָס געלט און אונז פאַרלאָזן. און אַלע געסט צופרידענע, באַדאַנקענדיק מיר, זיינען אַוועק שלאָפן.

פלוצלונג 4 אַזייגער פאַרטאָג האָבן זיך ווידער באַוויזן די זשאַנדאַרמען און דעפינסיווע-לייט און ניט מאַכנדיק ביי קיינעם קיין אונטערזוכונג בלויז ביי די גלובאָקער, האָבן זיי אונז אַלעמען צוגענומען אין אַרעסט, — מיר מיט די 10 גלובאָקער יידן. און גראָד צופעליק איז דאַן געקומען נעכטיקן אַ גלובאָקער בחור, וועלכער האָט זיך געפונען אין ווילנע אין אַ צימער און צוליב דעם וואָס מען האָט ניט געטאָרט שפּעט אַרומגיין, און אין יענע צייט וואָלט ער ניט באַוויזן צו גיין אין זיין צימער, איז ער אַריין אין דעם האָטעל נעכטיקן. אַליין איז ער געווען אונטערן חשד פון קאָמוניזם (אין דער אמתן איז ער עס ניט געווען). דאָ האָב איך געהערט, ווי זיי הייסן דעם שליסל פון דעם בחורס צימער אַוועקגעבן מיר. פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב פאַרשטאַנען מיין לאַגע און פאַר קיין פאַל ניט גענומען דעם שליסל. און ברענגענדיק אונז אַלעמען אין דעפינסיווע, האָט מען אַוועקגעשטעלט פאַר אַ דאָלמאַטש דעם זעלביקן יידישן זשאַנדאַרם — ימח שמו — און ס'איז פאַרפּראָטאָקאָלירט געוואָרן ניט וואָס איך האָב געזאָגט, נאָר וואָס דער יידישער זשאַנדאַרם האָט געדאַרפט צו פאַרענדיקן זיין שטיקל מלאכה ביזן סוף...

און גלייך האָט מען אונז אַריינגעזעצט אויף לוקישקעס אין טורמע, וואו איך מיט די גלובאָקער זיינען אָפּגעזעסן



6 מיט אַ האַלב וואָכן. און בלויז אַדאַנק די פיל השתדלות פון דעם ווילנער ראַבינאַט און דער יורידישער קאָנסולטאַציע ביי דער קהלה און פון איינצלנע חשובע כלל-טוער, און אַדאַנק די פיל באַשטעטיקונגען פון פוילישע פירער, מיט וועלכע מיר איז אויסגעקומען געזעלשאַפטלעך צו אַרבעטן, און אַדאַנק באַזונדערס דעם גוטן און איידעלן ריכטער פון פעלד-געריכט, וועלכער האָט אַזוי פיל פאַרשטענדעניש באַוויזן לטובת מיין גורל — ג' זאָל אים באַצאָלן מיט אַלדאָס גוטס — האָט מען מיר נאָך פיל פיין באַפרייט אויף אַזאַ אופן:

איינמאָל פרייטאָג פאַרנאַכט, אַ וואָך פאַר פסח, איז ער געקומען צו מיר אין תפיסה און פרעגנדיק, וועלכע שפּראַך איך באַזיץ, האָט ער מיר געבעטן בעסער אָן אַ דאָלמאַטש און ניט אַריינמישן העברעאישע ווערטער, בלויז אין יידיש זאָל איך אים דערציילן מיט וואָס איך ערקלער מיין אַרעסט. האָב איך געזאָגט, אַז ס'איז אַ פאַראויס געפּלאַנטע פּראָוואָקאַציע, בכדי צו באַצאָלן מיר פאַר מיין אָנקלאַגע, וואָס איך האָב דערלאַנגט בשעתו צום גענעראַל שעפּטיצקי קעגן דער דעפינסיווע אין גלובאָקע, וועלכע האָט אומברחמנותדיק באַהאַנדלט די יידישע אַרעסטירטע, וואָס פלעגן דורך אומזיסטע חשדים אַריינגעזעצט ווערן, ניט בלויז יונגע נאָר מיטליעריקע און זאָגאַר זקנים. ווען איך בין מיט 2 מאָנאַטן פאַר מיין אַרעסט געווען אין ווילנע און דערציילט דער ווילנער קהילה וועגן די דאָזיקע יסורים און פייניקונגען, האָט מען מיר געראָטן צו דערלאַנגען צוזאַמען מיט זיי אַ פּעטיציע צו דעם גענעראַל שעפּטיצקי, וועלכע האָט געהאַט אַ ווירקונג, און אַלס ענטפער איז די דעפינסיווע איבערגעפירט געוואָרן פון גלובאָקע קיין ווילנע. איצט האָבן זיי זיך, ווי ס'ווייזט אויס, געצילט קעגן מיר, אום מיר דערפאַר צו באַצאָלן. דערביי האָב איך אָנגעוויזן אויף פאָלגנדע אומשטענדן פון אַרעסט:

א) פאַרוואָס האָט מען אַרעסטירט בלויז מיר מיט די גלובאָקער און ניט אויך די איבעריקע געסט?

ב) און אויב מ'געפינט אַ שליסל פון אַ קאָמוניסט — פאַרוואָס מאַכט מען ביי אים ניט קיין אונטערזוכונג אין זיין צימער?

ג) פאַרוואָס האָט מען געוואָלט אַוועקגעבן זיין שליסל מיר?

ד) פאַרוואָס איז פאַרפּראָטאָקאָלירט געוואָרן ניט דאָס אַלץ, וואָס איך האָב געזאָגט, נאָר דאָס, וואָס דער יידישער זשאַנדאַרם האָט געזאָגט און צי באַווייזט

ניט זיין ניט איבערגעבן די ריכטיקייט די כונה, מיט וועלכער זיי האָבן זיך געצילט קעגן מיר?

מיינע האַרצרייסנדע דערקלערונגען און מיין ביטערער גורל, וואָס האָט מיר צוליב דעם יידישן זשאַנדאַרם. אַריינגעשלעפּט אין אַזאַ זומפּ, האָבן שטאַרק דורכגענומען דעם ריכטער. און ווען איך האָב אויף זיין פראַגע: „איז דען מעגלעך, אַז אַ ייד זאָל אַריינפירן זיין גייסטלעכן אין אַזאַ אָפּגרונט?" מיט טרערן און צעבראָכנקייט באַשטעטיקט, אַז עס איז אַזוי, האָט ער מיר גלייך באַפרייט.

צוגייענדיק שוין צום טיר, קערט זיך אום צוריק דער ריכטער און פרעגט מיט אויפגערעגטקייט: „איז דען מעגלעך ה' ראַבינער, אַז ס'איז אַלץ דער אמת?" און ווען איך האָב מיט אַ שבועה פון אונזערע הייליקייטן עס באַשטעטיקט, האָט ער זיך מיט מיר האַרציק געזעגנט און געבעטן, אַז איך זאָל בעטן ג' פאַר אים. און אין מיין לעבן אַזוי ווי איך האָב ניט געקענט פאַרגעסן די שלעכטע מעשים פון דעם יידישן זשאַנדאַרם, אַזוי וועל איך תמיד דערמאָנען דעם איידעלן ריכטער. און ג' זאָל אים דערפאַר באַצאָלן מיט גוטס.

יוסף הלוי קאַץ

(רב מגלובאָקע, דיסנער קרייז)

# צעבראָכענע לוחות און אָפּגעפלויגענע ווערטער.

דער דאָזיקער מאַנוסקריפּט פון ש. אַנ—סקי געפינט זיך אין אַרכיוו פון „יעקאָפּאָ" אין ווילנע (וואו אַנ—סקי איז אין יאָר 1919 געווען מיטגליד פון קאָמיטעט, ז. ווייטער) און איז אין דער פאָרם ניט פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין זיין „יידישן חורבן פון פּוילן, גאַליציע און בוקאָווינע". בלויז דער אינהאַלט פון דער דערמאָנטער עפּישער דערציילונג ווערט איבערגעחזרט אין „חורבן" און אין קאַפּיטל ז' פון פערטן טייל ווערט עס געגעבן אין אַן אַנדער נוסח (ז. געזאַמלטע שריפטן, פאַרלאַג אַנ—סקי 1922, זעקסטער באַנד, זייט 58—63).

אונטער דעם יידישן הילפס-קאָמיטעט, וואָס אַנ—סקי דערמאָנט, ווערט געמיינט דער פּעטערבורגער „יעקאָפּאָ". דעם מאַנוסקריפּט גיבן מיר אַ העלפס פאָטאָגראַפירט און די צווייטע העלפט — אויסגעטיפט אויסגעצונע.

די סימבאָלן פון די „שברי לוחות ואותיות פורחות" זיינען אויך גילטיק פאַר אונזער אייגענער מאַרטיראָלאָגיע אין די צייטן פון מלחמות און מהומות אין אונזערע געגנטן.

ר ע ד.

צעבראָכענע לוחות און אָפּגעפלויגענע ווערטער.

[illegible]

ש. אַנ-סקי.

ענדע 1916 און 1917 בין איך ווידער אַרויסגעפאָרן אין גאַליציען, אין יענעם דרום-מזרחדיקן קליינעם טייל, וועלכער איז נאָך פאַרבליבן ביי די רוסן נאָך דעם קליינעם ריקצוג פון 15-טן יאָר. אין דער שטעטל קאָפּעטשינעץ, וואו עס איז פאַר דער מלחמה געזעסן דער קאָפּעטשיניצער רבי, האָב איך געפונען זיין הויף איינגעבראָכן און אַ חורבן. מען האָט מיר דערציילט, אַז דאָס גאַנצע גוטס און רייכטום, וואָס האָט זיך געפונען אין הויף, וואָס האָט אָנגעטראָגן ביי צוויי מיליאָן קראָן, איז צוראַבירט און פאַרברענט געוואָרן. דערביי האָט מען מיר דערציילט אַ מעשה, וואָס האָט אויסגעוויזן ווי אַ לעגענדע, וועגן דעם בעל-שם'ס אייגנהענטיקע בריוו, וועלכע האָבן זיך געפונען ביים רבן, זיינען על פי נס ניצול געוואָרן און געפינען זיך ביי איינעם

פון די קאָפּעציניִצער חסידים. מען האָט צוגעגעבן, אַז מיט די בריוו גופא איז פאָרגעקומען אַ מופת.

מיך האָבן זייער פאַראינטערעסירט די בריוו. אַ קלייניקייט: אַן אייגנהענטיקער כתב פון בעש"ט, וועלכער איז געווען אַזוי קאַרג אויף שרייבן און פון וועלכן עס איז ניט פאַרבליבן קיין שום געשריבענער וואָרט. איך האָב גענומען זוכן דעם חסיד און האָב אים געפונען אין טשאָרטקאָוו. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די בריוו האָט ער אַליין באַראַטעוועט מיט גרויס מסירת נפש און היט זיי איצט אָפּ ווי דעם שוואַרץ-אַפּל פון אויג. ער האָט מיר דערציילט ווי אַלץ איז פאָרגעקומען.

אַז די מלחמה האָט אויסגעבראָכן, האָט דער רבי מיט דער משפחה געפונען זיך אויף אַ זומער-וואוינונג ביי ווין. דער חסיד האָט זיך אויך געפונען דאָרטן. דער דראַנג פון די רוסן איז געווען אַזוי הפסקיק, אַז איידער מען האָט זיך באַטראַכט וואָס צו טאָן, זיינען זיי שוין געווען ניט ווייט פון קאָפּעציניִץ און וועגן פאָרן אַהיים האָט דער רבי ניט געקענט טראַכטן. דענסטמאָלט האָט ער צוגערופן דעם חסיד, זיינעם אַ גרויסן בעל מקורב, און האָט אים געזאָגט:

— איך באַפעל דיר, דו זאָלסט תו"מ פאָרן קיין קאָפּעציניִץ ראַטעווען און ברענגען אַהער אָדער דאָרט באַהאַלטן דעם בעל-שם'ס בריוו. דיר וועט פאַרשטיין זייער אַ שווערע וועג, וועסט זיין אין גרויס סכנה אָבער די בריוו מוזט דו ראַטעווען.

— רבי, — האָט זיך אָפּגערופן דער חסיד. וואָס וועט זיין מיט אייער גוטס, וואָס איר האָט דאָרט געלאָזן, ווי ראַטעווען עס?

— וועגן דעם טראַכט ניט. זאָל אַלץ גיין לאיבוד, נאָר די בריוו זאָלן גאַנץ זיין — האָט געענטפערט דער רבי.

דער חסיד איז אָפּגעפאָרן און געקומען אין קאָפּיצעניִץ מיט עטלעכע שעה פריער איידער דער רוסישער חייל איז אַהין אַריין. ער האָט געפונען די בריוו, האָט זיי אַריינגעטאָן אין אַ בלעכענעם שאַכטל און פאַרגראָבן אין קעלער, טיף אין וואַנט און די לאָך פאַרמויערט עס זאָל ניט קענטיק זיין. דאָרט אין קעלער האָט ער פאַרגראָבן פיל טייערע חפצים, גאָלד און זילבער, וואָס ער האָט געראַטעוועט פון הויף. — מיט אַ טאָג שפּעטער איז ער געווען אַרעסטירט. מען האָט אים חושד געווען אין שפּיאָנאַזש און עס האָט געהאַלטן נאָענט דערביי מען זאָל אים הענגען. נאָר גאָט האָט אים מציל געווען. מען האָט אים ניט געהאָנגען. אפילו אין רוסלאַנד ניט אָפּגעשיקט. און נאָך דריי חדשים געסענקעניש האָט מען אים באַפרייט. קודם כל איז ער, פאַרשטייט זיך, געלאָפן אין „הויף“ זען וואָס עס טוט זיך מיט די הייליקע בריוו. נאָר דער הויף איז געווען פאַרנומען און עס איז געווען אוממעגליך אַריינגיין אַהין. ערשט מיט צוויי חדשים שפּעטער האָט זיך אים איינגעגעבן אַריינקלייבן זיך אין קעלער. ער האָט דאָרטן געפונען אַלץ פאַנאַנדערגעגראָבן, פונאַנדערגעוואָרפן. אַלע טייערע חפצים זיינען געווען פאַרשוואונדן און צוזאַמען מיט זיי איז אויך פאַרשוואונדן דער שאַכטל מיט די בריוו. מען קען זיך פאָרשטעלן זיין פאַרצווייפלונג. ער האָט זיך אויף מאָרגן אומגעקערט אין קעלער, ווייטער געזוכט און מיט אַ מאָל געפונען נאָר אין אַן אַנדער אָרט אין וואַנט דעם שאַכטל, ווי עס איז געווען, ניט אָנגערירט. ער איז געאיילט צוריק אַהיים מיט דער טייערער מציאה, האָט געעפנט דעם שאַכטל און געפונען דאָרט ביידע בריוו. אָבער ווי ערשטוינט איז ער געוואָרן, אַז ער האָט דערזען, אַז פון איינעם פון זיי, וועלכער איז געווען געשריבן מיטן בעל-שם'ס האַנט (דער צווייטער איז נאָר געווען אונטערגעשריבן פון דעם בעל-שם), זיינען פאַרשוואונדן געוואָרן אַלע ווערטער און עס איז געבליבן אַ גלאַטע ווייסע פּאַפּיר!...

פיל מי האָט מיך געקאָסט ביז איך האָב זיך איינגעבעטן ביים חסיד ער זאָל מיר ווייזן די בריוו. לסוף האָט ער איינגעוויליקט, האָט זיי געבראַכט איינגעוויקלטע אין עטלעכע פּאַפּירן און ניט אָנרירנדיק זיי מיטן האַנט, ווי אַ דבר שבקדושה, באַוויזן מיר.

איין בריוו, געשריבן צו ר' גרשון קיטעווער, איז אונטערגעשריבן אין רעכטן עק מיט איין וואָרט: „ישראל“. לאַנגע, שפּיציקע, פאַנאַנדערגעוואָרפענע אותיות, זייער בלאַסע פון דער צייט. מען דאַרף אַן אָנשטרענגונג צו זען זיי. דער צווייטער, אַ צונויפגעלייגטער בלעטל אַלטע דיקע פּאַפּיר, אָן איין שום אות, נאָר דאָך איז עס ניט קיין ווייסע אינגעשריבענע פּאַפּיר. צו באַמערקן איז בלאַסע פאַנאַנדערגעפלייצטע פלעקן.

דער חסיד האָט מיט אַ מיסטישן בליק לאַנג געקוקט אויף דעם פּאַפּיר.

— לייט זאָגן, — האָט ער זיך שטיל אָפּגערופן, — אַז פון נאַסקייט זיינען די אותיות פאַרשוואונדן און מיט כעמישע מיטלען קען מען זיי צוריקברענגען. אָבער מיר, חסידים, מיר פאַרשטייען עס אַנדערש, גאָר אַנדערש.

זיי פאַרשטייען, אַז די הייליקע שריפטן זיינען אין דער צייט, בעת דער בריוו האָט געהאַלטן ביי צריינבאַלן אין גוישע הענט, אָפּגעפלויגן.

ווי סימבאָליש דאָס אַלץ איז געווען אין דעם אומגליקלעכן קאַנט, וואו דער לעבן איז געווען צובראָכן און פון אים איז אָפּגעפלויגן דער לעבעדיקער שעפערישער גייסט.

באמת, שברי לוחות ואותיות פורחות

ש. אַנ-סקי.



**צובראָכענע לוחות** (אין די ביידע געבאָטן פעלט דאָס וואָרט „לא“).

מוזיי פון דער ווילנער היסטאָריש-עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט אויפן נאָמען פון ש. אַנ—סקי ז"ל.

# ש. אַנ—סקי אַלס מיטגליד פון געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ" אין ווילנע.

אַנ—סקי איז געקומען קיין ווילנע פון רוסלאַנד אין סעפּטעמבער 1918 און אויסרועענדיק זיך אַ ביסל, האָט ער זיך גלייך אַריינגעוואָרפן מיט גרויס התמדה און איבערגעבנקייט אין דער אָרטיקער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט.

אין נאָוועמבער—דעצעמבער 1918, די לעצטע חדשים פון דער דייטשער אָקופּאַציע אין ווילנע, האָבן מיר צוזאַמען געאַרבעט ביים אָרגאַניזירן די וואַלן צו דער ערשטער יידישער דעמאָקראַטישער קהילה אין ווילנע (ז. „לעבן", אַנ—סקי-העפט) און פון מיטן פעברואַר 1919 — אין געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ" אין ווילנע, וועלכער האָט זיך דאַן געגרינדעט און איז גלייך געוואָרן די וויכטיקסטע צענטראַלע הילפס- און אויפבוי-אָרגאַניזאַציע פאַר דער גאַנצער ווילנער געגנט.

אַנ—סקי האָט זיך באַטייליקט אין דער ערשטער אָרגאַניזיר-זיצונג פון ווילנער „יעקאָפּאָ" דעם 16 פעברואַר 1919, אויף וועלכער ער איז אויסגעקליבן געוואָרן אַלס מיטגליד פון געגנט-קאָמיטעט. פאַר די צייט פון ערשטן האַלב-יאָר (פון דער גרינדונג פון קאָמיטעט ביז דער ערשטער קאָנפערענץ), אין די שווערע און פאַראַנטוואָרטלעכע טעג, האָט ער גענומען אַ נאָענטן און אַקטיוון אָנטייל אין די אַרבעטן פון קאָמיטעט אַלס זיינער אַ מיטגליד און אַ פּאָר מאָל אויך, אויף די זיצונגען, אַלס וויצע-פּאָרזיצער.

אין פּראָטאָקאָל-בוך פון געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ" אין ווילנע ווערט אַנ—סקי'ס נאָמען דערמאָנט 11 מאָל (אויף די זייטן 3, 4, 5, 9, 22, 23, 24, 26, 42, 95). אין ערשטן געדרוקטן באַריכט פון „יעקאָפּאָ" (פון 15 פעברואַר ביז 1 סעפּטעמבער 1919) איז אַנ—סקי אָנגעגעבן אַלס מיטגליד פון קאָמיטעט און אין געדרוקטן באַריכט פון דער ערשטער קאָנפערענץ, וועלכע איז פאָרגעקומען דעם 8—9—10 סעפּטעמבער 1919 — אַלס קאַנדידאַט אין ניי-אויסגעוויילטן געגנט-קאָמיטעט.

קומענדיק קיין ווילנע, האָט שוין אַנ—סקי געהאַט אַ גרויסע פּראַקטיק אין אויספאָרשן די לאַגע אויף די ערטער און אין אָרגאַניזירן און פונאַנדערטיילן הילף פאַר דער נויטבאַדערפטיקער און געליטענער פון דער מלחמה באַפעלקערונג. אין די יאָרן 1914—1917 איז ער אַרומגעפאָרן איבערן פראָנט און אין די אָקופּירטע געגנטן אַלס באַפולמעכטיקטער פון פאַרבאַנד פון די זעמסטוועס, פון אַלרוסלענדישן פאַרבאַנד פון די



שטעט, קאָמיטעט פון גאָסודאַרסטווענער דומע און סאַניטאַרע אָפּטיילונגען פון רויטן-קרייץ און אַנדערע, וועלכע האָבן אים געגעבן די מעגלעכקייט אין מיליטער-קליידער צוצוקומען צו די געפערלעכסטע ערטער, וואו ער האָט געאַרבעט מיט גרויס מסירת-נפש. גלייכצייטיק איז ער געווען דער באַפולמעכטיקטער פון דער גרעסטער הילפס-אָרגאַניזאַציע, וואָס יידן האָבן ווען עס איז ביז דאַן געשאַפן (דער דזשוינט איז געקומען שפּעטער): פון דער פּעטערבורגער און קיעווער (בכלל רוסישער) „יעקאָפּאָ", אין וועמענס נאָמען ער האָט געטיילט הילף דער יידישער באַפעלקערונג אין די מלחמה-געביטן און וואָס ער האָט גענוי באַשריבן אין זיין גרויסער כראָניק „דער יידישער חורבן פון פּוילן, גאַליציע און בוקאָווינע".




אַנ—סקי אין יאָר 1913

אין ווילנער „יעקאָפּאָ" האָט אַנ—סקי אויף אַזאַ אופן אָנגעהויבן צו אַרבעטן אַלס נאַטירלעכער מיטגליד. שטאַרק אויסגעמאַטערט, מיד און צובראָכן פלעגט ער דאָך קומען אויף די זיצונגען און אַריינטראָגן אין זיי זיין טיף-מענטשלעכן גייסט און ברייטע, גוטע האַרץ. באַזונדערס האַרציק איז געווען זיין באַציאונג צו די היימלאָזע, וועלכע דער קאָמיטעט האָט דאַן געהאַט צו באַזאָרגן אין אַ גרויסער צאָל.

זיין פּיעטעט צו זייערע ליידן איז געווען אויף אַזוי פיל גרויס, אַז ניט קוקנדיק אויף זיין באַוואוסטע ליידנשאַפט צו זאַמלען פאָלקלאָר-מאַטעריאַלן, האָט ער בשום אופן ניט דערלאָזן, אַז מען זאָל גיין צו די היימלאָזע אויף אויספרעגן זיי וועגן פאַרשיידענע ווערטלעך, לידער, מעשיות וכדומה, טאָמער וועלן זיי אויסטייטשן, אַז מען מישט צונויף זייערע צרות מיט עפּעס זייטיקע פאַר זיי זאַכן. ער האָט עס געהאַלטן פאַר אומטאַקטיש, פאַר ווייניק עמפינדלעך צו פרעמדע ליידן, ער האָט ניט געוואָלט, אַז מען זאָל באַאומרואיקן מענטשן, וואָס זיינען געפייניקט און וואָס טוט זיי וויי.



ער האָט אויך שטאַרק פאַרטיידיקט אין הינזיכט פון הילף דאָס קליינע פאַרוואָרלאָזטע שטעטל קעגן דער גרויסער שטאָט און האָט שטרענג אָפּגעהיט, אַז די דעמאָקראַטישע פאָרשטייערשאַפטן זאָלן האָבן די רעכט, וואָס קומט זיי נאָר דאַן, ווען זיי זיינען גאַנצע און פאַרטרעטן אַלע גרופּירונגען און שיכטן און ניט נאָר אַ טייל פון זיי.

ביידע פאַקטן האָבן געהאַט אַן אָרט אין דער דעמאָלטיקער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט און אַנ—סקי האָט רעאַגירט אויף זיי, ווי ער האָט געקענט.

אויף די זיצונגען פון געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ" אין ווילנע דעם 11, 12 און 15 מאַי 1919 האָט זיך געהאַנדלט וועגן פונאַנדערטיילן אַ גרעסערע סומע הילפס-געלטער פאַר ווילנע און געגנט. דער קאָמיטעט „יעקאָפּאָ" אין ווילנע האָט דאָ אין הינזיכט פון פונאַנדערטיילן די געלטער געהאַט די איבער-דעה. חוץ דער גאַנצער פּראָווינץ, וואָס האָט זיך געפונען דירעקט אונטער זיין פאַרזאָרגונג, האָט אויך די ווילנער קהילה (וועלכע האָט זיך דאַן גערעכנט פאַר דעם שטאָטישן קאָמיטעט) באַקומען דאָס געלט דורך אים. די אַמעריקאַנער געלטער, וועלכע האָבן געדאַרפט אויף די זיצונגען פונאַנדערגעטיילט ווערן, זיינען אָנגעקומען פון ד. ד. ק. אויפן נאָמען פון ד"ר צ. שאַבאַד, וועלכער האָט זיי קוויטירט אַלס פאָרזיצער פון „יעקאָפּאָ" און זיינען געווען באַשטימט אויף פאַרשיידענע הילפס-צוועקן „אין ווילנע און ווילנער גובערניע".

די קהילה, וועלכע איז באַשטאַנען פון 80 ראַטמענער, איז דאַן געווען אָנגעפירט דורך דער אַזויגערופענער קאָלעגיע פון 7 ראַטמענער און איז צוליב די פּאָליטישע געשעענישן געווען שטאַרק אָפּגעשוואַכט און האָט ניט געהאַט קיין נאָרמאַלע אויספיר-אָרגאַנען. כמעט אַ העלפט פון די קהילה-ראַטמענער זיינען פון איר אַרויסגעטראָטן. דאָס זיינען געווען 29 סאָציאַליסטישע ראַטמענער (24 בונדיסטן, 3 פאַראייניקטע און 2 פועלי-ציון) און פאַרבליבן זיינען באַר

די בירגערליכע ראַטמענער, פון וועלכע אַ טייל האָט זיך געוואַקלט און ניט געהאַט קיין קלאָרע פּאָזיציע. ערשט דעם 25-טן מאַי 1919 האָבן זיך 27 סאָציאַליסטישע ראַטמענער („בונד“ און פאַראייניקטע) צוריק אומגעקערט אין קהילה און זייערע פאָרטרעטער זיינען אריין אין פרעזידיום, וועלכער איז קורץ נאָכדעם קאָנסטרואירט געוואָרן אַלס נאָרמאַלער אויספיר-אָרגאַן (צוזאַמען מיט אַ פאַרוואַלטונג) אַנשטאָט דער צייטווייליקער קאָלעגיע.

אַנ—סקי האָט ניט ווייניק מיטגעהאָלפן, אַז די לינקע זאָלן צוריק אַריינגיין אין קהילה. ער האָט פיל מאָל געפירט וועגן דעם אונטערהאַנדלונגען מיט ביידע צדדים, האָט געשריבן אַרטיקלען און אַגיטירט.

בעת, אָבער, ס'זיינען פאָרגעקומען די אָנגערופענע זיצונגען פון געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ“, איז נאָך די קהילה געווען אַ האַלבע און אין איר האָבן געפעלט די סאָציאַליסטישע עלעמענטן.

אויף די דאָזיקע זיצ׳נגען איז געפירט געוואָרן אַ העפטיקער שטרייט וועגן אַדרעסאַט פון דאָס געלט, וועמען מען זאָל אָפּגעבן דאָס געלט, וויפיל פאַר ווילנע און וויפיל פאַר דער פראָווינץ און ווער זאָל מאַכן די פונאַנדערטיילונג.

דעם שטאַנדפונקט פון קהילה האָט פאַרטיידיקט ל. יפה. אַדוו. עוזר פינקלשטיין האָט געהאַלטן, אַז דאָס גאַנצע געלט געהערט צו „יעקאָפּאָ“, ווייל עס איז געשיקט געוואָרן פון אַ קאָמיטעט צו העלפן די קרבנות פון מלחמה (אַזוי איז דער פולער נאָמען פון ד. ד. ק.) צו אַ קאָמיטעט מיט די זעלבע פונקציעס („יעקאָפּאָ“ הייסט: יידישער געגנט-קאָמיטעט צו העלפן די קרבנות פון מלחמה). ד"ר שאַבאַד האָט געפאָדערט מען זאָל פריער רעפאָרמירן דעם שטאָטישן קאָמיטעט (ווייל די קהילה איז ניט קיין פולע) אויף אַזאַ אופן, אַז אַ טייל פון דער קהילה, „יעקאָפּאָ“ און פאָרשטייער פון אַלע ריכטונגען זאָלן זיך באַטייליקן אין דער פונאַנדערטיילונג פון דאָס געלט.

אַנ—סקי האָט געזאָגט פאָלגנדעס:

— „דאָס געלט איז געשיקט פון איין הילפסקאָמיטעט אין צווייטן. צי ס'איז פאַראַן אין ווילנע אַ קהילה, קען זיין ווייס מען באַרניט אפשר אין אַמעריקע. מער ווי אַלע נויטיקן זיך די אָרעמע און אַרבעטנדיקע, אָבער די קהילה האָט ניט זייערע פאָרשטייער. די קהילה האָט געוויס דאָס רעכט אויף דאָס געלט, אָבער פריער דאַרף זי זיין אַ גאַנצע קהילה“.

אַז ס'איז געקומען צום צווייטן פונקט פון סדר-היום וועגן דער פּראָפּאָרציע פון דער פונאַנדערטיילונג, ד. ה. וויפיל זאָל מען געבן דער שטאָט ווילנע און וויפיל דער פּראָווינץ, האָט אַנ—סקי ווידער גענומען דאָס וואָרט און געזאָגט פאָלגנדעס:

— „שטענדיק שלינגען די גרויסע שטעט איין דאָס גאַנצע געלט און די קליינע שטעטלעך בלייבן גע'עולה'ט. איך האָב שוין גענוג פּראַקטיק אין דער הינזיכט פון גאַליציע. מען מוז פון דער סומע אַסיגנירן אַ גרעסערן טייל פאַר דער געגנט און אַ קלענערן פאַר ווילנע און לכל הפחות העלפט אויף העלפט“.

אַנ—סקיס פאָרשלאַג איז געוואָרן אונטערשטיצט פון מיטגליד פון קאָמיטעט און פון פאָרשטייער פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען חיים וואָלט.



אַנ—סקי אין יאָר 1919

די איבעריקע מיטגלידער פון קאָמיטעט האָבן אָנגעוויזן, אַז ווילנע קומט איצט מער, ווייל ווילנע נויטיקט זיך תיכף אין אַ גרעסערע הילף נאָך די איבערגעלעבטע בלוטיקע אַפּריל-טעג. מיט די שטעטלעך, אָבער, איז דערווייל נאָך שווער זיך צונויפצובינדן; חוץ דעם זיינען אין ווילנע פאַראַן אַ סך אינסטיטוציעס, וואָס מען מוז שטיצן. מען קען דעריבער ניט וואַרטן און מען דאַרף גלייך איבערגעבן פאַר ווילנע צוויי דריטל פון די אָנגעקומענע געלטער און איין דריטל איבערלאָזן פאַרן געגנט.

ס'איז געווען די צייט פון נאָכן הונגער און פאָגראָם.

נאָך לענגערע ויכוחים זיינען די אַלע אָנגערופענע ענינים, וואָס זיינען באַהאַנדלט געוואָרן אויף די דריי גרויסע זיצונגען, אַנטגילטיק דערליידיקט געוואָרן אויפן פאָלגנדן אופן: די קהילה האָט באַקומען פון געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ“ צוויי דריטל פון דער סומע, אָבער מיט דער פאָדערונג, אַז ביים פונאַנדערטיילן דאָס געלט זאָלן צוגעצויגן ווערן פאָרשטייער פון די ריכטונגען, וועלכע זיינען דעמאָלט אין דער קהילה ניט געווען פאָרטראָטן.

ס'האָט אַלזאָ געזיגט אַנ—סקיס שטאַנדפונקט וועגן דעם, אַז דאָס געלט פאַר דער שטאָט זאָל פונאַנדערטיילן אַן אָרגאַן מיט פאָרשטייער פון אַלע ריכטונגען און וואָס איז שייך דער פּראָפּאָרציע פון די הילפס-געלטער צווישן שטאָט און פּראָווינץ איז אַנ—סקיס שטאַנדפונקט פולקום אָפּגעהיט געוואָרן אין דער גאַנצער ווייטערדיקער טעטיקייט פון געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ“, וועלכער האָט אַלץ מער און מער קאָנצענטרירט זיין הילפס- און אויפבוי-אַרבעט אין דער פּראָווינץ לטובת די פאַרוואָרלאָזטע יידישע שטעטלעך.

אַנ—סקי איז אויך געפאָרן אין נאָמען פון ווילנער „יעקאָפּאָ“ אין פּראָווינץ. אויף דער זיצונג פון קאָמיטעט דעם 23-טן פעברואַר 1919 איז באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצוגעבן אַנ—סקין אַ פולמאַכט צו פאָרן קיין גראָדנע מיטן צוועק אויסצופאָרשן די לאַגע פון די דאָרטיקע יידישע היימלאָזע. אין קאָפּיר-בוך פון קאָמיטעט (I, ז. 10; אינווענטאַר-נומער פון אַרכיוו — 412) געפינען מיר וועגן דעם, אונטער דער זעלבער דאַטע, פאָלגנדן נוסח פון אַ בריוו צו אַנ—סקין: „מיר בעטן אייך אויסצופאָרשן אין גראָדנע דעם מצב פון די היימלאָזע, דהיינו: א) וויפיל זיינען זיי דאָרט פאַראַן; ב) וואוהין ווילן זיי פאָרן, פון וואַנען קומען זיי; ג) ווי גייט צו מיט זייער רעעוואַקואַציע וכדומה. אונז איז דער עיקר נויטיק אַ סיסטעמאַטישער באַריכט וועגן דעם ענין און די נויטיקע סטאַטיסטישע דאַטן“.

דעם 8 נאָוועמבער 1920 איז אַנ—סקי געשטאָרבן.

אויף דער זיצונג פון קאָמיטעט „יעקאָפּאָ“ דעם 23 נאָוועמבער 1920 איז באַטראַכט געוואָרן די פראַגע וועגן פאַראייביקן אַנ—סקיס אָנדענק. שפּעטער איז באַשלאָסן געוואָרן אָנצורופן אויף זיין נאָמען די קינדערהיים פאַר רעעמיגראַנטן-קינדער, וואָס „יעקאָפּאָ“ האָט געעפנט אין ווילנע אין נאָוועמבער 1920 (ז. אויבן זייטן 55—57). די אַנ—סקי-קינדערהיים האָט פאַרזאָרגט די עלנדסטע קינדער אין די חדשים פון די גרויסע שטראָמען רעעמיגראַנטן. זי איז געווען אַן אמתע באַשיצערין פון די קינדער, וועלכע אַנ—סקי האָט אַזוי ליב געהאַט און דערמיט איז זי געווען דער בעסטער אָנדענק נאָך ש. אַנ—סקי ז"ל, דעם הילפסטוער און מיטגליד פון געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ“ אין ווילנע.

**מ. שאַליט.**



# אַנקעטע וועגן כלל-טוער פּראָפעסיאָנאַלן

אַזוי האָט געהייסן די אַנקעטע, וואָס דער געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ" אין ווילנע האָט אין די יאָרן 1925—1926 דורכגעפירט מיט דער הילף פון דער רעדאַקציע פון איצטיקן פנקס צווישן אַ ריי פּראָפעסיאָנעלע כלל-טוער וועגן זייער לעבן און אַרבעט.

די כלל-טוער פּראָפעסיאָנאַלן זיינען די פּראַקטישע פירער פון די יידישע געזעלשאַפטן, זיי האָבן זיך איינגאַנצן איבערגעגעבן דער קהלשער אַרבעט און האָבן געלייגט דעם שטעמפּל אויף דער טעטיקייט פון די וויכטיקסטע יידישע חברות און אינסטיטוציעס, אָרגאַניזאַציעס און מוסדות, וועלכע זיי האָבן געגרינדעט און אַנטוויקלט, געשאַפן און געפירט. זייער מיינונג איז דעריבער באַזונדערס מאַסגעבנדיק און זייערע ענטפערס קענען דינען אַלס וויכטיקע דאָקומענטן פון דער צייט און פון דער אַרבעט.

די אַנקעטע האָט קודם-כל געהאַט דעם צוועק פעסטצושטעלן די ראָלע פון די אָנגערופענע כלל-טוער אין דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, זייער אָפּשאַצונג פון דער דאָזיקער אַרבעט און דעם גורל פון די טוער גופא. זי איז געווען געווענדעט צו אַ ריי פּראָפעסיאָנעלע יידישע כלל-טוער, גרעסטנטיילס פון די צענטראַלע הילפס- און אויפבוי-געזעלשאַפטן אין פּוילן און אויסלאַנד, ווי אויך צו אייניקע „יעקאָפּאָ"-טוער אויף דער פּראָווינץ.

די אַנקעטע, וועלכע איז די ערשטע און איינציקע אין איר מין, איז געווען גענוי אויסגעאַרבעט און אָפּגעדרוקט, האָט געהאַט 7 אָפּטיילונגען מיט 45 פראַגן און איר אינהאַלט איז געווען פאָלגנדער:

I. 1. פאַמיליע. 2. נאָמען. 3. פאָטערס נאָמען. 4. געבורטס-אָרט. 5. עלטער. 6. פאַמיליען-באַשטאַנד. 7. בילדונג. 8. באַשעפטיקונג (איצטיקע). 9. פאַך. 10. אַדרעס (איצטיקער).

II. 1. אין וועלכער געזעלשאַפט געאַרבעט (פולער נאָמען פון דער געזעלשאַפט, שטאָט און לאַנד). 2. ווען אָנגעהויבן צו אַרבעטן. 3. אין משך פון וועלכער צייט געאַרבעט. 4. וואָס פאַר אַן אַרבעט אויסגעפירט. 5. ווען אויפגעהערט צו אַרבעטן. 6. צוליב וואָס אויפגעהערט.

III. 1. צי האָט איר פאַרנומען אייער געזעלשאַפטלעכן פּאָסטן אַלס געוויילטער אָדער געדונגענער. 2. צי זייט איר געווען געוויילט און ווען אַלס דעלעגאַט אין מלוכהשע, שטאָטישע אָדער קהלשע פאַרטרעטונגס-אָרגאַנען. 3. צי האָט איר געאַרבעט אַלס פּראָפעסיאָנאַל אויך אין ניט-יידישע געזעלשאַפטן און אין וועלכע? 4. צי האָט איר אָנטיילגענומען אין צוזאַמענפאָרן (אַלוועלטלעכע, לאַנדלעכע אָדער אַנדערע), אין וועלכע? ווען? 5. צי זיינען לויט אייער איניציאַטיוו געשאַפן געוואָרן אינסטיטוציעס אָדער נייע אַרבעטס-מעטאָדן, וועלכע? 6. עקזיסטירן נאָך היינט די אינסטיטוציעס, וועלכע זיינען לויט אייער איניציאַטיוו געשאַפן געוואָרן? ווער פירט זיי אָן? 7. האָט איר אינטערווענירט ביי דער צענטראַלער אָדער אָרטיקער מאַכט? אין וואָס פאַר אַן אָנגעלעגנהייט? מיט וואָס פאַר אַן ערפאָלג? 8. האָט איר דערלאַנגט מעמאָראַנדומס און מיט וועלכן ערפאָלג? 9. צי האָט איר געאַרבעט אין זעלבסטפאַרוואַלטונגען, ווען, ביי וואָסערע באַדינגונגען? 10. צי האָט איר פאַרנומען אַ מלוכה-שטעלע, ווען, ביי וואָסערע באַדינגונגען?

IV. 1. די באַשעפטיקונג פאַרן אָנהויבן צו אַרבעטן אין דער געזעלשאַפט אַלס פּראָפעסיאָנאַל. 2. ווי אַזוי און ביי וועלכע באַדינגונגען אָנגעהויבן צו אַרבעטן אין דער געזעלשאַפט. 3. דער כאַראַקטער פון דער אַרבעט. 4. די מאַטעריעלע באַדינגונגען פון דער אַרבעט.

V. 1. אייער איבערגאַנג פון דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט צו דער פּריוואַטער: א) צי האָט איר גלייך באַקומען אַן אַנדער באַשעפטיקונג, ב) וויפיל צייט האָט געדויערט איידער איר האָט באַקומען די באַשעפטיקונג, ג) וועלכע באַשעפטיקונגען אָדער אַרבעטן האָט איר געטאָן, איידער איר האָט באַקומען די איצטיקע שטענדיקע באַשעפטיקונג (I,8), ד) אויב איר זייט נאָך ביז איצט אָן אַ באַשעפטיקונג, איז צוליב וועלכע סיבות. 2. צי זייט איר נאָך פאַרבליבן אין וועלכע ניט איז באַציאונגען מיט דער געזעלשאַפט און אין וועלכע, נאָכדעם, ווי איר האָט אין איר אויפגעהערט צו אַרבעטן אַלס פּראָפעסיאָנאַל. 3. אין וועלכע געזעלשאַפטן אַרבעט איר איצט. 4. אין וועלכע אַנדערע געזעלשאַפטן האָט איר געאַרבעט, חוץ אין דער, וואו איר זייט געווען אַ פּראָפעסיאָנאַל און אין וואָס האָט זיך דאָרטן אויסגעדריקט אייער אַרבעט אָדער וועלכע ערנאַמטן האָט איר דאָרט פאַרנומען.

VI. 1. צו וואָס פאַר אַ פּאַרטיי האָט איר געהערט אָדער סימפּאַטיזירט בעת איר האָט געאַרבעט אין דער געזעלשאַפט אַלס פּראָפעסיאָנאַל. 2. דער פּאַרטיי-צוזאַמענשטעל פון די איבעריקע אָנפירנדיקע אָנגעשטעלטע. 3. די ראָלע און השפּעה פון דריטן עלעמענט (פּראָפעסיאָנאַלן-כלל-טוער, אָנפירנדיקע אָנגעשטעלטע, פּראָלעטאַרישע עלעמענטן פון אינטעליגענץ) אין די געזעלשאַפטן, וואו איר האָט געאַרבעט. 4. אייער איצטיקע פּאַרטיי-אָנגעהעריקייט אָדער אָריענטאַציע. 5. צי האָט איר געהערט צו וועלכער עס איז פאַראייניקונג פון געזעלשאַפטלעכע טוער, ווען און וואו? 6. צי האָט אייער פּאַרטיי-אָנגעהעריקייט געהאַט אַ ווירקונג אויף דורכפירן די אַרבעט. 7. צי האָט איר געהאַט קאָנפליקטן מיט פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס און כלל-טוער אין פּראָצעס פון דער אַרבעט. 8. אייער אַלגעמיינער קוק אויף דער יידישער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. 9. צי זייט איר געווען טעטיק ליטעראַריש? אויב יאָ — צו נאָר אין די פראַגן, וואָס זיינען שייך צו אייער פּראָפעסיאָנעל-געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, אָדער אויך אין אַלגעמיינע פּאָליטיש-געזעלשאַפטלעכע ענינים? 10. צי האָט איר פּובליקירט וועלכע ניט איז מאַטעריאַלן וועגן אייער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט אָדער וועגן די געזעלשאַפטן, וואו איר האָט געאַרבעט, צי האָט איר וועלכע ניט איז מאַטעריאַלן אָדער מאַנוסקריפּטן, ספּעציעל מעמואַרן א. א.

VII. 1. די אָפּשאַצונג פון דער אַרבעט פון דער אינדיווידועלער זייט (צי האָט איר געפילט אַ גייסטיקע באַפרידיקונג פון דער אַרבעט, צי האָט זי אייך איינגאַנצן פאַרנומען, ווי האָט זי געווירקט אויף אייך פּסיכאָלאָגיש וכדומה).

באַמערקונגען. דאַטע פון אויספילן די אַנקעטע. אונטערשריפט.

גענוי אויסגעפילטע ענטפערס האָבן זיך באַקומען פון די פאָלגנדע 30 טוער (לויטן א"ב):

1) אַבראַמאָוויטש ה.; 2) אַלטער לעאָן; 3) אַנטאָוויל פ.; 4) אָקון י., אינזש.; 5) אַראָנאָוויטשי ג.; 6) ברוצקוס בער, אַגר.; 7) בריאַנסקי י., אַדוו.; 8) גאָלדע סעלים; 9) גערגעל נ.; 10) גאָלדין א.; 11) גומענער א. אַדוו.; 12) גורוויטש העשל; 13) העלד אַדאָלף; 14) וויקטאָראָוו ש.; 15) וואָלק י.; 16) זיבערט ג.; 17) זילבערפאַרב מ., ד"ר; 18) זילבערשיין א., ד"ר; 19) טשערניאַקאָוו א., אינזש.; 20) טשערניכאָוו י., אַדוו.; 21) יאַשונסקי י.; 22) כהן בערנאַרד, ד"ר; 23) לעשטשינסקי יעקב; 24) מייזל נחמן; 25) מלמד זעליג; 26) ניישטאַט ל.; 27) סענאַטאָר ווערנער, ד"ר; 28) פרענקל ל., אינזש.; 29) קלעבאַנאָוו א., אינזש.; 30) קריינין מ.

(וועגן פיל פון די כלל-טוער ז. אויך ווייטער: דעם ביאָגראַפישן לעקסיקאָן, זייטן 709—948).

פון די ענטפערס ברענגען מיר דאָ פאָלגנדע (סומאַריש):

I. 4. געבורטס-אָרט: ווייסרוסלאַנד — 7; ליטע — 5; קאָנגרעס-פּוילן — 5; אוקראַינע — 4; גאַליציע — 2; וואָלין — 1; פּאַלעסיע — 1; לעטלאַנד — 1; דייטשלאַנד — 1; שוועדן — 1; רומעניע — 1; דרום-רוסלאַנד — 1.

I. 5. עלטער: 31—35 יאָר — 5; 36—40 יאָר — 9; 41—45 יאָר — 8; 46—50 יאָר — 6; 51—55 יאָר — 1; 56—60 יאָר — 0; 61—65 יאָר — 1.

I. 6. פאַמיליען-באַשטאַנד: פרוי און 1 קינד — 12; פרוי און 2 קינדער — 11; פרוי אָן קינדער — 3; בחורים — 4.

I. 7. בילדונג: העכערע — 19; העכערע ניט פאַרענדיקט — 4; מיטעלע — 3; פאָלקסשול און שטוביקע — 4.

I. 9. פאַך: יוריסטן — 10; אינזשענערן — 4; לערער — 4; בוכהאַלטערן און ביוראַליסטן — 4; אַרבעטער — 2; מאַטעמאַטיקער — 1; סטאַטיסטיקער — 1;

אגראָנאָם — 1; מעדיצינער — 1; שריפטשטעלער — 1; סוחר — 1.

II. 3. וויפיל יאָר געאַרבעט געזעלשאַפטלעך: פון 4 ביז 10 יאָר — 14; פון 10 ביז 15 יאָר — 6; פון 15 ביז 20 יאָר — 3; פון 20 ביז 25 יאָר — 6; פון 25 ביז 29 יאָר — 1.

III. 10. מלוכה־שטעלעס האָבן פאַרנומען 11 כלל־טוער, פון זיי 9 אויף אוקראַינע און רוסלאַנד, 2 אין פוילן און 1 אין עסטרייך. זיי זיינען געווען: אַ מיניסטער, געהילף־מיניסטער, דירעקטאָרן פון דעפּאַרטאַמענטן און הויכע באַאַמטע.

IV. 4. מאַטעריעלע באַדינגונגען: מיטלמעסיקע — 11; זייער גוטע — 5; ניט־באַפרידיקנדיקע — 4; ניט־גוטע — 4; באַפרידיקנדיקע — 2. דער אונטערשייד אין די שכירות, וואָס די כלל־טוער האָבן גענומען אַלס פּראָפעסיאָנאַלן, איז געווען ממש אַ קאָלאָסאַלער. אייניקע פלעגן באַקומען בערך פון 20 ביז 30 דאָלאַר אַ חודש (ניט גוטע) און אַנדערע 200 דאָלאַר אַ חודש און נאָך פיל מער (זייער גוטע). דער דורכשניטלעכער געהאַלט איז געווען פון 50 ביז 75 דאָלאַר אַ חודש (מיטלמעסיקע און באַפרידיקנדיקע). אַ פּאָר האָבן באַקומען איבער 100 דאָלאַר אַ חודש (גוטע). די גרויסע און גאָר גרויסע שכירות פלעגן באַקומען די אָנגעשטעלטע און באַאַמטע פון די אַמעריקאַנער געזעלשאַפטן.

VI. 1, 2, 4. פּאַרטיי־אָנגעהעריקייט: אומפּאַרטייאישע — 7; „פאַראייניקטע" — 5; „בונד" — 5; ציוניסטן — 3; סאָציאַל־דעמאָקראַטן — 2; פאָלקיסטן—3; רעכטע „פּועלי־ציון"—2; „צעירי־ציון" — 2; „התאחדות" — 1. צווישן די אומפּאַרטייאישע זיינען געווען גרעסטנטיילס סימפּאַטיקער פון די „פאַראייניקטע" און „בונד".

פון די ענטפערס אויף די איבעריקע פראַגן איז צו זען, אַז די כלל־טוער פּראָפעסיאָנאַלן האָבן געגרינדעט און אויסגעבויט הונדערטער אַנשטאַלטן, וואָס אַ גרויסער טייל פון זיי עקסיסטירט נאָך ביז היינטיקן טאָג. לויט זייער איניציאַטיוו זיינען געשאַפן געוואָרן צענדליקער פאַרשיידענע אינסטיטוציעס און זיינען איינגעפירט געוואָרן נייע אַרבעטס־מעטאָדן. די צאָל אינטערווענצן ביי דער מאַכט איז געווען זייער גרויס און די דערלאַנגטע מעמאָראַנדומס האָבן גרעסטנטיילס געהאַט ערפאָלג. אַלע האָבן גענומען אַן אָנטייל אין צוזאַמענפאָרן און באַראַטונגען, אַ טייל פון וועלכע זיינען דורך זיי צוזאַמענגערופן געוואָרן. פיל זיינען געווען ראַטמענער אין זעלבסטפאַרוואַלטונגען און קהילות. פיל האָבן פאַרעפנטלעכט אַרטיקלען וועגן געזעלשאַפטלעכע, קולטורעלע און פּאָליטישע ענינים און ספּעציעל וועגן די פראַגן פון זייער אַרבעט. אייניקע האָבן אַרויסגעלאָזן בראָשורן און ביכער. אַ ריי פאַרמאָגן אַרכיוו־מאַטעריאַלן, טאָג־ביכער און מאַנוסקריפּטן.

פון די 30 כלל־טוער זיינען 18 נאָך ביז היינטיקן טאָג (1930) פאַרבליבן פּראָפעסיאָנעלע געזעלשאַפטלעכע טוער. די איבעריקע 12 זיינען אַריבער צו אַנדערע באַשעפטיקונגען טיילווייז צוליב דער ליקווידאַציע פון זייער אַרבעט אין די באַטרעפנדע אָרגאַניזאַציעס אָדער צוליב דער ליקווידאַציע פון די אָרגאַניזאַציעס גופא און טיילווייז צוליב פאַרשיידענע פּרינציפּיעלע קאָנפליקטן אָדער צוליבן אומקערן זיך צו זייער פאַך. דער גרעסטער טייל פון די 12 האָט אויך נאָכדעם ניט אויפגעהערט אינטענסיוו צו אַרבעטן געזעלשאַפטלעך, אָבער שוין ניט אַלס פּראָפעסיאָנאַלן, נאָר פרייוויליק און אָן געצאָלט. דערביי דאַרף מען באַמערקן, אַז אויך פיל פון די איבעריקע פּראָפעסיאָנעלע כלל־טוער האָבן חוץ זייער אייגנטלעכער באַצאָלטער אַרבעט אין דער געגעבענער אָרגאַניזאַציע אָדער געזעלשאַפט גלייכצייטיק אויך ענערגיש געאַרבעט אין אַ גאַנצער ריי אַנדערע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און חברות אָן געצאָלט און ערנאַמטלעך.

דער ווייט־גרעסטער טייל פון די פּראָפעסיאָנעלע כלל־טוער איז פאַרבליבן ניט פאַרזיכערט אין פאַל פון פאַרלירן די אַרבעט און זיין גאַנצע עקסיסטענץ איז תמיד געהאַנגען אין דער לופטן אָן קיין שום פעסטן באָדן און ס'האָט אים אין יעדער צייט געדראָט די געפאַר אַרויסגעוואָרפן צו ווערן אויפן גאַס אָן קיינע שום מיטלען פון לעבן. צוליב דעם שטענדיקן ניט זיכערן ביודזשעט און פּריוואַטן כאַראַקטער פון די געזעלשאַפטן האָט ניט געקענט זיין קיין שום רייד וועגן אַ שטענדיקער פּענסיע, עמעריטור און אַסעקוראַציע און נאָר די רייכערע געזעלשאַפטן האָבן געהאַט די מעגלעכקייט אויסצוצאָלן די רעדוצירטע באַאַמטע אַן איינמאָליקע קאָמפּענסאַציע. אויך אין דעם פאַל זיינען אַמבעסטן געווען אַוועקגעשטעלט די באַאַמטע אין די אַמעריקאַנער געזעלשאַפטן. די דאָזיקע באַאַמטע האָבן זיך אויך גרעסטנטיילס ווייניקער ווי אַלע איבעריקע פאַרנומען מיט ערנאַמטלעכער טעטיקייט אין אַנדערע געזעלשאַפטן און חברות, חוץ זייער אייגענער אָרגאַניזאַציע.

מיט 3 אויסנאַמען האָבן די איבעריקע (9), וואָס זיינען אַוועק פון דער פּראָפעסיאָנעלער געזעלשאַפטלעכקייט, אינגיכן געפונען אַנדערע באַשעפטיקונגען, הגם פאַר אייניקע איז דער אַריבערגאַנג געווען גענוג שמערצלעך און דאָס צופּאַסן זיך צו די נייע באַדינגונגען האָט געדויערט ניט ווייניק צייט און האָט געקאָסט אַ סך ענערגיע און אויסדויער. די דריי האָבן עמיגרירט, פון זיי האָט זיך איינער אומגעקערט צוריק.

זייער אינטערעסאַנט זיינען די ענטפערס וועגן דעם עצם פון דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, וואָס איז פאָרמולירט אין די פונקטן VI, 8; VII, 1 און אין די באַמערקונגען פון דער אַנקעטע (אַלגעמיינער קוק; אָפּשאַצונג פון דער אַרבעט).

אָט זיינען אַ ריי פון זיי:

— „הלוואי זאָלן מיר אַריבער צו אַ געזונטער מלוכה'שער אַרבעט". / „געלעבט און לעב איצט אויך מיט דער אַרבעט, וועלכע האָט מיר פאַרנומען די לעצטע 15 יאָר פון מיין לעבן. און כ'בין שטאַרק צופרידן. עפּעס אויפגעטאָן". (נ. מ.).

— „צוויי אידעאָלאָגיעס, וועלכע הערשן די לעצטע צענדליק יאָרן אויף דער יידישער גאַס, האָבן איבערהויפּט געשטערט די אַנטוויקלונג פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט: די ציוניסטישע און בונדיסטישע, ניט וועלנדיק דערביי אָנערקענען, אַז ווען די מלוכה און זעלבסטפאַרוואַלטונגען זאָרגן ניט וועגן די יידישע נויטן, מוזן אומבאַדינגט זיין די געזעלשאַפטן. די מאַטעריעלע מיטלען זיינען אויסגעשעפּט (אויסלאַנד, ד. ד. ק.). דער דריטער עלעמענט איז אַנטוישט און נאָר די סאַנקציע פון מלוכה (קהילה, נאַציאָנאַל־פּערסאָנאַלע אַווטאָנאָמיע) קען ראַטעווען די סיטואַציע". / „די אַרבעט האָט געגעבן אַ קאָלאָסאַלע באַפרידיקונג. עס איז געווען אַ גלענצנדע שול פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט. אַ שווערן איינדרוק האָבן אַמאָל געמאַכט די באַציאונגען פון די צענטראַלע אַנשטאַלטן און אָרטיקע טוער" (אַדוו. א. גומ.).

— „ביי קיין פאָלק איז די געזעלשאַפטלעכע אַרבעט ניט אַזוי נויטיק ווי ביי אונז, צוליב דעם, וואָס די מלוכה זאָרגט אַבסאָלוט ניט פאַר אונזערע אָנגעלעגנהייטן. זי איז אַ חוב פאַר יעדן ערלעכן, אינטעלעקטועל־אַנטוויקלטן מענטשן. אָבער אונזערע געזעלשאַפטלעכע אַרבעטער ליידן צופיל פון אַמבי־

ציעס (פּערזענלעכע), דאָקטערינערסטווע און אָפּולע רייד (אויף זיצונגען). מער זאַכלעכקייט, האַשיידנקייט! דאָס צעוואַרפן זיך אויף פאַרשיידענע געביטן ברענגט מער שאָדן ווי נוצן. אומעטום — הייסט אין ערגעץ ניט". / „אָן דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט וואָלט איך זיך שלעכט געפילט. זי פאַרפילט עפּעס אַ בלייז אין דער אַרומיקער פּוסטקייט און גייסטלאָזיקייט". / „מיר נויטיקן זיך איצט אין אַרבעטער אויפן קולטורעלן און פּראָדוקטיוון געביט. וואו מען זאָל זיך ניט אַ קער טאָן — פאַרוואַרלאָזט!" (ה. א.).

— „די נויטווענדיקייט פון דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט איז געקומען צום באַוואוסטזיין פון דער יידישער מאַסע און כמעט געוואָרן אַ פאָדערונג פון דער יידישער מאַסע. צוליב דעם אָבער, וואָס איר נאָרמאַלע אַנטוויקלונג פאַלט אין דעם מלחמה- און נאָך-מלחמה-פּעריאָד האָט זיך ביז היינט פון דער אַרבעט ניט אָפּגעטאָן דער כאַראַקטער פון אַ צופעליקער אַרבעט. ס'הערשט נאָך אַ גרויסער כאַאָס אויף דעם געביט. ניט פאַראַן קיין איינהייטלעכע אַרבעטסמעטאָדן און ליניעס. כלל-טוער, אַפילו פּראָפעסיאָנעלע, פאַרנעמען זיך מיט די פאַרשיידנסטע סאָרטן אַרבעט. דערזעלבער מענטש פירט אָן, למשל, מיט עמיגראַציע-ענינים, יתומים-הילף, פאַך-שולן א. אַז. וו. דאָסזעלבע איז אויך ביי די קאָמיטעטן. דיזעלבע פערזאָנען פאַרנעמען זיך מיט אַלע געזעלשאַפטלעכע אַרבעטן. פאַראַן ערטער, וואו דער דעמאָקראַטישער פּרינציפּ איז אינגאַנצן ניט פאַרטראָטן און די אַרבעט ווערט אויסגעפירט פון איין מענטשן. זייער פיל שאָדט אויך דאָס פאַרבינדן (ווי דאָס געשעט אָפט) די געזעלשאַפטלעכע אַרבעט מיט דער פראַגע פון פאַרטיי-פּאָליטישן פּרעסטיזש. מיר האָבן נויטיק: א) אויסבילדונג פון פאַך-קענער פאַר יעדן רעסאָרט פון געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט באַזונדער; ב) שאַפן אַ פּלאַן און סיסטעם פון אַרבעט; ג) אויסטוישן פון געדאַנקען און דערפאַרונגען פון די איינצלנע אָרגאַניזאַציעס; ד) אַן איינהייטלעכע פּראָפּאַגאַנדע, כדי צו שאַפן מיטלען ביי דער יידישער מאַסע און ביי דער מלוכה און אויף אַזאַ אופן באַפרייען זיך פון די יידישע הילפס-אָרגאַניזאַציעס אין אויסלאַנד; ה) שטרעבן, אַז פאַר אַלע רעסאָרטן פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט זאָלן געשאַפן ווערן רעפעראַטן ביי די יידישע קהילות, וועלכע האָבן אויך אין דער ערשטער ריי צו זאָרגן וועגן די נויטיקע ביודזשעטן". / „די געזעלשאַפטלעכע אַרבעט האָט מיר געגעבן די גרעסטע גייסטיקע באַפרידיקונג. איך האָב זיך אין דער דאָזיקער אַרבעט אינגאַנצן אויסגעלעבט" (ד"ר א. ז.).

— „די אַרבעט האָט מיר אינגאַנצן איינגעשלונגען. פאַרטריבן דעם חשק צו עולם-הזה-תאוות" (א. ג.):

— „די אַרבעט האָט מיר צופרידנגעשטעלט און באַפרידיקט אין די ערשטע יאָרן פון מיין טעטיקייט, נאָך מערער אינדערצייט פון רעוואָלוציע, ווען די אַרבעט האָט זיך באַפרייט פון דער השפעה פון די אַזויגערופענע „כלל-טוער" און איז פולקאָם אַריבער צום דריטן עלעמענט. מיט פאַרדרוס און ווייטאָג מוז איך אָבער דערמאָנען מיין אַרבעט אין ווילנע אין אַ געוויסער געזעלשאַפט (אומאויפהערלעכע פּרינציפּיעלע קאָנפליקטן) און אונטער דעם איינדרוק געפין איך פאַר נויטיק אָפּצוהאַלטן זיך פון אָפּשאַצונג. איך טייל מיין געזעלשאַפטלעכע אַרבעט אויף דריי פּעריאָדן: ביז דער רעוואָלוציע — אַן אומגעהויערע באַפרידיקונג, אין דער צייט פון רעוואָלוציע — דאָס זעלבע און נאָך מער, אָבער אָן דעם ב ר ע ן פון דעם ערשטן פּעריאָד, אַבסאָליוט ניט — אין ווילנע" (ש. וו.).

— „די ערשטע צייט אַ התלהבות-דיקע. לעצטנס — אַ באַפרידיקנדיקע" (י. וו.).

— „די יידישע געזעלשאַפטלעכקייט, וואָס האָט נאָך דער מלחמה דערוואָרבן אַ סך מער אויסערלעך-געזונטע מעגלעכקייטן און וואָס האָט אַריינגעצויגן אין איר טעטיקייטס-קרייז גרעסערע דעמאָקראַטישע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג, לעבט צוזאַמען מיט דעם איבער אָן אַ ספק אַ טיפן קריזיס. איך רעכן אָבער, אַז אויף וויפיל די עקאָנאָמישע און אַלגעמיינע באַדינגונגען פון לעבן וועלן זיך פאַרבעסערן און די רעזולטאַטן פון דער מלחמה וועלן פאַרשווינדן, וועט די יידישע געזעלשאַפטלעכקייט אויפלעבן מיט אַ נייער קראַפט". / „ניט רעכענענדיק די שווערע לעצטע יאָרן פון אַרבעט, בין איך געווען פולקאָם באַפרידיקט און פאַרכאַפּט פון דער אַרבעט". (אינזש. ל. פּ.).

— „אין אַלגעמיין שטייט איצט די יידישע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט אויף אַ נידעריקערער שטופע ווי פאַר דער מלחמה". / „די אַרבעט האָט מיר אינגאַנצן פאַרנומען, אָבער איצט איז זי געוואָרן אַ מער טעכנישע און עס פעלט דער ברייטער מאָמענט, וואָס פאַרבלייבט ניט באַפרידיקט". (ל. א.).

— „אויף דער יידישער גאַס מערקט זיך דאָס פעלן פון אַ ווירטשאַפטלעכן געדאַנק. דער ווירטשאַפטלעכער אַנאַלפאַבעטיזם פון די פּאָליטיקער איז זיך טעגלעך נוקם אויף דער יידישער באַפעלקערונג אין פוילן". (אינזש. א. ט.).

— „די יידישע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט, אויף וויפיל די רייד גייט וועגן די צענטראַלע אינסטאַנצן, איז פאַרפלאַכט און פאַרביוראָקראַטיזירט געוואָרן, הגם זי איז אין כמות שטאַרק אויסגעוואַקסן. דער געוועזענער דריטער עלעמענט, וואָס שטייט איצט אין דער שפיץ, האָט זיך אַרויסגעוויזן פלאַכער און אָרעמער מיט אידעען, ווי די אַמאָליקע פּעטערבורגער כלל-טוער". (י. ל.).

— „די געזעלשאַפט בויגט זיך צופיל פאַר די פּאַרטייען" (ז. מ.).

— „וועגן די אויסלענדישע יידישע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, וואָס האָבן געאַרבעט אין פוילן, האָב איך ווייט ניט קיין גינסטיקע מיינונג. אייניקע זיינען געווען אַ פולשטענדיקער דורכפאַל. אייניקע האָבן זייער פיל גוטעס אויפגעטאָן, אָבער זייער בעלי-ביתישקייט איז געווען אַ פאַרשווענדערישע, די מעטאָדן פון אַרבעט אומבאַשטימטע און טיילווייז ניט ריכטיקע. אייניקע האָבן סתם געפירט אַ שוואַכע טעטיקייט". / „די אַרבעט אין די ערשטע האָט מיר קיין גייסטיקן נחת ניט פאַרשאַפט. די אַרבעט אין די צווייטע האָט מיר באַגייסטערט און אינגאַנצן פאַרנומען, אָבער איך האָב געהאַלטן פאַר נויטיק פון איר זיך אָפּצוזאָגן צוליב פּרינציפּיעלע חילוקי-דעות". (ג. ז.).

— „אויב איך זאָל פאַראַלגעמיינערן מיין דערפאַרונג וואָלט איך געדאַרפט קומען צו אַ פּעסימיסטישן קוק". (אַדוו. י. ט.).

— „ביים איצטיקן צושטאַנד פון די יידישע לעבנס-באַדינגונגען מוז די יידישע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון רעגירונגס-אינסטיטוציעס אויף פאַרשיידענע געביטן. דער גרונט-פּרינציפּ פון דער יידישער ווי פון דער אַלגעמיינער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט מוז זיין: ברייטע עפנטלעכקייט, ענגע פאַרבינדונג מיט דער מיטגלידערשאַפט און זעלבסט-טעטיקייט פון די ברייטע שיכטן. דער פילאַנטראָפּישער פּרינציפּ מוז מיט אַלע מעגלעכקייטן ביסלעכווייז אויסגעראָטן ווערן פון אַלע יידישע אַנשטאַלטן און מוז פאַרביטן ווערן מיט מאָדערנע דעמאָקראַטישע פאָרמען פון זעלבסטהילף און קעגנזייטיקער שטיצע". / „די לעצטע צען יאָר האָבן שטאַרק אויפגעהויבן דעם ניוואָ פון דעם יידישן פּראָפעסיאָנעלן כלל-טוער, וועלכער פאַר-

נעמט אַלץ מער און מער אַ וויכטיקן פּלאַץ אין יידישן עפנטלעכן לעבן. זיין לאַגע און ניט נאָר מאַטעריעלע, נאָר אויך מאָראַלישע איז נאָך אָבער ווייט ניט באַפרידיקנדיק. די בטול-באַציאונג צו פּראָפעסיאָנעלן כלל-טוער אין אַ באַדייטנדן טייל פון אונזער געזעלשאַפט איז נאָך גענוג גרויס און ביז איצט קוקט מען נאָך אויף אים ווי אויף אַן עלעמענט, וואָס לעבט אויפן קהלשן חשבון און ניט פּשוט קהלשן, נאָר צדקה-חשבון, ווייל אַלע אונזערע אינסטיטוציעס עקסיסטירן דאָך אויפן צדקה-יסוד. ס'איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואָס מיר זעען ניט קיין יורשים פאַר די פּראָפעסיאָנעלע כלל-טוער. די יונגע אינטעליגענץ שאַצט אָפּ די אומזיכערקייט פון די עלטערע טוער און זוכט מיט אַלע מיטלען אויסצומיידן איר גורל. נאָך מער, אַ געוויסער טייל פון די פּראָפעסיאָנעלע געזעלשאַפטלעכע טוער ציט זיך, צוליב דער אומגינסטיקער מאַטעריעלער און מאָראַלישער לאַגע, צוריק פון איר אַרבעט. מען מוז דעריבער זוכן מיטלען ווי אַזוי צו פאַרפעסטיקן די לאַגע פון דער דאָזיקער נייער יידישער סאָציאַלער גרופּירונג. דאָס ליגט ניט נאָר אין דעם אינטערעס פון די פּראָפעסיאָנעלע כלל-טוער, נאָר פון דער גאַנצער יידישער עפנטלעכקייט, פון דער אַרבעט גופא. אין דער הינזיכט דאַרף מען קלערן אין דער ערשטער ריי וועגן אַ פאַראייניקונג פון די פּראָפעסיאָנעלע כלל-טוער, צונויפרופן אַ ספּעציעלע באַראַטונג וועגן דער דאָזיקער פראַגע, כדי צו געפינען די פּאַסיקע מיטלען". (נ. ג.).

— „די יידישע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט איז פאַריתומט. זי האָט ניט געלאָזן קיין טיפע וואָרצלען אין די ברייטע פאָלקסמאַסן, וועלכע זיינען צו איר און צו דעם גאַנצן כאַראַקטער פון איר אַרבעט גאַנץ גלייכגילטיק. דאָס דאַרף געוויס פייניקן יעדן ערלעכן געזעלשאַפטלעכן טוער און באַזונדערס דעם פּראָפעסיאָנעלן טוער. ער איז אָבער בלי שום ספק איר פאַינער און ניט קוקנדיק אויף די אַרומיקע גלייכגילטיקייט דאַרף ער פאָרזעצן זיין אַרבעט, אָרגאַניזירן, קולטיווירן און טריט ביי טריט שאַפן די סביבה פאַר אַ נייער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט. על כל פנים פאַרנעמט דער פּראָפעסיאָנעלער כלל-טוער די אָנפירנדסטע און פאַראַנטוואָרטלעכסטע ראָלע אין דער דאָזיקער אַרבעט". (פ. א.).

אין די שפּעטערדיקע יאָרן 1927—1930 איז דער קריזיס פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט געוואָרן נאָך שטאַרקער און די לאַגע פון די פּראָפעסיאָנעלע כלל-טוער נאָך וואַקלדיקער און אומזיכערער. צען יאָר נאָכן שליסן דעם שלום האָבן זיך נאָך אַלץ געלאָזן שאַרף פילן די נאָכווייענישן פון דער וועלט-מלחמה און צו קיין נאָרמאַלער און רואיקער אַרבעט איז אַלץ ניט געווען מעגלעך צו דערגיין.

מען האָט כסדר געלעבט אין אַזוי צו זאָגן צווישן-צייט און דער דאָזיקער ניט פעסטער מצב האָט אויך אַרויסגערוקט אויף דער אויבערפלאַך פון דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט צופעליקע און אומבאַשטימטע פּערזאָנען, וואָס אָפט זיינען זיי געווען ניט מער ווי פיגוראַנטן, אויסגעוויזן האָט אָבער, אַז זיי זיינען עס די פירער און פאַראַנטוואָרטלעכע טוער פון די געזעלשאַפטן און אָרגאַניזאַציעס. די לאַגע פון די פּראָפעסיאָנעלע כלל-טוער איז דורכדעם געוואָרן נאָך ערגער און ווייניקער חשוב, ס'האָבן זיך פאַרמערט די קאָנפליקטן און ס'האָט ניט איינמאָל געבראַכט צום באַנקראָט פון אינסטיטוציעס. די אַמאָליקע גבאים — פון פאַר דער מלחמה — האָבן, ווען ס'איז געווען נויטיק, געטראָגן און געשאַפן געלט פאַר די חברות, וואו זיי זיינען געווען טעטיק, — די נייע גבאים זיינען אויך אין דעם פּרט אָפטמאָל געווען ניט מער ווי פיגוראַנטן און די גאַנצע לאַסט פון שאַפן די ביודזשעטן איז ווידער אַמאָל געלעגן אויף די פּראָפעסיאָנעלע כלל-טוער, אויף די באַאַמטע און אָנגעשטעלטע. דער שוים פון דער צייט האָט געבראַכט צו דער געזעלשאַפטלעכער מאַכט מענטשן, וואָס זיינען געווען ווייט פון וועלכן ניט איז געזעלשאַפטלעכן באַוואוסטזיין און זיי זיינען געווען לגמרי פרעמד די טראַדיציעס פון מסירת-נפשדיקער און אַבסאָלוט אומאייגננוציקער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט.

די קאָנפליקטן, וואָס זיינען אַמאָל געווען צווישן די גבאים און דעם דריטן עלעמענט, האָבן געטראָגן אַ פּרינציפּיעלן כאַראַקטער. ס'איז געווען אַן אידעאישער שטרייט פאַר מעטאָדן פון אַרבעט און פאַר דערלאָזן די דעמאָקראַטיע צו אַ דעה אויף אָנפירן מיט דער אַרבעט. ס'זיינען אויך געווען קאָנפליקטן צווישן די אָרטיקע טוער מיט די שלוחים פון דזשוינט, אָבער דאָס זיינען אַלץ געווען קאַמפן לשמה, צוליב דער טובה פון דער אַרבעט גופא. מען האָט זיך פּסיכאָלאָגיש איינער דעם אַנדערן אָפט ניט פאַרשטאַנען צוליב לגמרי אַנדערע צוגאַנגן צו דער עצם פון געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, ווייל ס'זיינען אָנגעקומען פרעמדע מענטשן מיט ווייניק פאַרשטענדעניש וועגן די ענינים אויפן אָרט.

די קאָנפליקטן אָבער פון די לעצטע יאָרן זיינען שוין געווען גאָר פון אַן אַנדער כאַראַקטער — דאָס זיינען געווען מער חשבונות פון אַ פּערזענלעכן, דעמאַגאָגישן אָדער פּאָליטישן מהות אָדער אַרומרייסעניש פון טוער פון די ניי-אַנטשטאַנענע אַזויגערופענע ווירטשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס (פאַראיינען פון האַנטווערקער, קליינהענדלער, סוחרים), וואָס האָבן זיך כסדר געשטופּט צו פּאָליטישער מאַכט און צו פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע באַצאָלטע פּאָסטנס.

דאָס אַלץ האָט שטאַרק פאַרמינערט די חשיבות פון דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט און האָט אַראָפּגענידערט דעם ניוואָ פון געזעלשאַפטלעכן טוער, וועלכן ס'האָבן אויך ניט געקענט הויבן די ניי-אַנטשטאַנענע קהילות מיט דעם עצם כאַראַקטער פון זייער ענג-באַגרענעצטער רעליגיעזער קאָמפּעטענץ, אָפּגעשטאַנענעם אופן פון וואַלן, אומגעהויער פאַרשאַרפטע פּאַרטיי-קאַמפן און פאַרעלטערטן גייסט פון אַרבעט. אויב אַזוי טרויעריק האָבן זיך אויסגעלאָזן די גרויסע האָפענונגען אויף די נאַציאָנאַל-פּערסאָנאַלע און קולטורעלע אויטאָנאָמיע האָבן זיך דערווייל אויך ניט בעסער אויסגעלאָזן די אָפּטימיסטישע האָפענונגען אויף גרעסערע אונטערשטיצונגען פון דער מלוכה און פון אַלגעמיינע שטייער-קוועלן. פאַרקערט, ס'איז נאָך צוגעקומען די צוואַנגס-באַשטייערונג פון די קהילות, וועלכע האָט זיך געלייגט ווי אַ נייע צוגאָב-משא ספּעציעל פאַר דער יידישער באַפעלקערונג.

די אַלע וואונטשן אין דער הינזיכט, וואָס זיינען אַרויסגעזאָגט געוואָרן דורך די כלל-טוער פּראָפעסיאָנאַלן אין זייערע ענטפערס אין דער אַנקעטע, וואַרטן נאָך אויף אַזאַ אופן אויף זייער פאַרווירקלעכונג.

אַ גרויסע טרייסט איז בלויז די באמת קאָלאָסאַלע אַרבעט, וואָס די כלל-טוער פּראָפעסיאָנאַלן האָבן אויפגעטאָן און די זייער ממשותדיקע רעזולטאַטן, וואָס זיינען פאַרבליבן פון זייער אַרבעט. זייערע אויפטוען זיינען אייגנטלעך דער גאַנצער פּראַקטישער אינהאַלט פון אונזער געזעלשאַפטלעכן לעבן מיט זיינע אַלע אינסטיטוציעס און דורכגעפירטע גרויסע הילפס- און אויפבויאַקציעס.

פון אַלע 30 ענטפערן איז קלאָר צו זען, אַז די כלל-טוער פּראָפעסיאָנאַלן

האָבן געאַרבעט מיט גרויס באַגייסטערונג, האָבן געטאָן זייער אַרבעט ווי אַ הייליקע זאַך, מיט מסירת-נפש און איבערגעבנקייט, ווי ביי אַ גרויסער אידעע — און אויך פון די קאָנפליקטן זיינען זיי, מיט גאָר קליינע אויסנאַמען, אַרויס געלייטערטע און פאַרהאַרטעוועט פאַר נייע אַרבעטן און אויפטוען. אין דעם ווייט גרעסטן טייל פאַלן זיינען בכלל קיין קאָנפליקטן ניט געווען און דער גייסט פון דער אַרבעט איז געשטאַנען אויף זייער אַ גרויסער הויך מיט אַ נאַטירלעכער דיסציפלין, וואָס די גרויסע אַרבעט גופא האָט געשאַפן פון זיך אַליין.

דער מצב, אָבער, פון די כלל-טוער פּראָפעסיאָנאַלן איז ניט נאָר ניט פאַרפעסטיקט געוואָרן, נאָר איז געוואָרן אַלץ ערגער. זייער מאַטעריעלע לאַגע איז אָפט געווען דורכאויס אָפּהענגיק פון אויסערלעכע סיבות, און ווען אין יאָר 1930 זיינען שטאַרק רעדוצירט געוואָרן אָדער זיינען אינגאַנצן אָפּגעשטעלט געוואָרן די סובווענצן פון „דזשוינט" אָדער „היאַס" איז געשטעלט געוואָרן אונטער אַ פראַגעצייכן די עקסיסטענץ פון אַ ריי פּראָפעסיאָנעלע כלל-טוער אין אייניקע וויכטיקע געזעלשאַפטן אין פּוילן.

ס'איז ניט געשאַפן געוואָרן קיין שום פאַראייניקונג פון די כלל-טוער פּראָפעסיאָנאַלן. ס'האָט זיך ניט אויסגעבילדעט קיין פעסטע קאָרפּאָראַציע פון סאָציאַלע טוער ביי אונז (וועגן אויסבילדן נייע טוער האָט שוין געוויס קיין רייד ניט געקענט זיין). דערצו זיינען אונזערע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס אַליין צו שוואַך און אָן אַ פעסטן באָדן. זייערע פינאַנסיעלע יסודות זיינען גרעסטנטייל ציפּעליקע, געכאַפּט פון דער לופט, — און במילא איז דער מאַטעריעלער גרונט פון זייערע טוער אַ זאַמדיקער. און אויב ביי אייניקע צענטראַלע אינסטיטוציעס זיינען די ביוראָען לכל הפחות וויפיל ניט איז געזיכערט דורך אויסטיילן פאַר זיך געוויסע סומעס פון די רעגירונגס-סובווענצן, זיינען די ביוראָען. פון די פּראָווינציעלע אָפּטיילונגען איינגאַנצן פאַרוואָרלאָזט און אויך זייער אייגענער צענטער טראַכט. וועגן זיי זייער ווייניק, זיינענדיק פאַרשלונגען אינגאַנצן מיט זאָרגן וועגן זיין אייגענער עקסיסטענץ.

נאָך דער העראָאישער אַרבעט פון די כלל-טוער פּראָפעסיאָנאַלן בעת דער מלחמה און אירע נאָכווייענישן (ניט ריידנדיק וועגן דער אַרבעט פון פאַר דער מלחמה), און אין די שפּעטערדיקע יאָרן פון בויען און רעסטאַווראַציע ביז אין מיטן פון לעצטן צענדליק יאָר, האָט זיך די אַרבעט פון די יאָרן 1926—1930 און ווייטער אַלץ מער פאַרפלאַכט און פאַרקליינלעכט און אויב זי איז אַריין אין סטאַבילערע, רואיקערע פאָרמען פון טאָג-טעגלעכן געוויינלעכן לעבן האָט זי אַבסאָלוט ניט באַקומען קיינע שום סטאַבילערע און רואיקערע בודזשעט-מעגלעכקייטן אַפילו אין אָט די ענגערע גרענעצן.

און אונטער דער משא פון אָט די שטענדיקע זאָרגן, פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע אַנטוישונגען, איז אויך דער דריטער עלעמענט, קומענדיק צו דער „מאַכט", וואָס ווייטער געוואָרן אַלץ מער דערדריקט און צובראָכן און ניט איינער פון זיינע פאַרטרעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר ווייניק שטאַנדהאַפטיק אין די געזעלשאַפטלעכע פּרינציפּן.

די יידישע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט צום יאָר 1931 (די קהילות קען מען לאָזן אָן אַ זייט) הענגט פינאַנסיעל פולשטענדיק אין דער לופטן, זי האָט ניט קיינע שום געזיכערטע מאַטעריעלע מקורים (דער קליינער אויך ניט אַלע מאָל זיכערער פּראָצענט אונטערשטיצונגען מצד די זעלבסטפאַרוואַלטונגען און אַ פּאָר רעגירונגס-סובווענצן ענדערן ניט שטאַרק דעם בילד) און דאַרף כסדר אָנקומען צו זאַמלונגען צווישן דער פאַראָרעמטער און אויסגעפּרעסטער יידישער באַפעלקערונג אין די שטעט און שטעטלעך אָדער אָרגאַניזירן זאַמלונגען דורך פאַרשיידענע שלוחים און משולחים אין אויסלאַנד, — אין אַלע טיילן פון דער וועלט. און אויף דעם געביט האָבן אַ פּאָר צענטראַלע געזעלשאַפטן אַפילו שוין אויסגעבילדעט פאַך-לייט, ספּעציאַליסטן פון צדקה-זאַמלונגען.

פון אַזאַ אומבאַשטימטן פינאַנסיעלן מצב ליידט די אַרבעט גופא, שוין ניט ריידנדיק וועגן דעם דערנידעריקנדן מאָראַלישן מצב, אין וועלכן די טוער און די אַרבעטער געפינען זיך ביי אַזאַ שטענדיקן סיסטעם פון אויסגעפינען מיטלען.

און כל זמן די יידישע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט וועט ניט אַוועקגעשטעלט ווערן אויף געזינטערע פינאַנסיעלע יסודות, — אויף באַדייטנדע געזיכערטע סובווענצן פון דער מלוכה און זעלבסט-פאַרוואַלטונגען, אויף פעסטע רעגלמעסיקע אונטערשטיצונגען פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג און אויך אויף שטענדיקע ספּעציעלע פאָנדן (וואָס געוויסע טיילן פון דער אַרבעט זאָלן געפירט ווערן אויף די הכנסות פון די פּראָצענטן, וואָס די גרונט-קאַפּיטאַלן פון די דאָזיקע פאָנדן זאָלן אַריינברענגען), ווי אומעטום אין דער וועלט איז עס באַקאַנט און זעלבסטפאַרשטענדלעך — קען ניט זיין קיין שום רייד וועגן אַ זיכערער סיסטעמאַטישער און פּראָדוקטיווער טעטיקייט.

דערווייל הענגט דער גורל פון דעם ווייט גרעסטן טייל כלל-טוער פּראָפעסיאָנאַלן אין דער לופטן און די דורכגעפירטע אַנקעטע האָט אַנטפּלויזט אַ גאַנצע ריי פאַקטן, וואָס זיינען אין די לעצטע יאָרן געוואָרן נאָך באַקאַנטער ווי פריער, ווייל די ווירקלעכקייט איז געוואָרן גראָער און אָרעמער.

מ. שאַליט.



## אַנקעטע וועגן דער צאָל קינדער אין די שולן

### פון ווילנע און געגנט אין לערניאָר 1929/1930

די אַנקעטע איז דורכגעפירט געוואָרן אין די לעצטע חדשים 1929 און אין די ערשטע חדשים פון יאָר 1930 דורך דעם געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ" אין ווילנע מיט דער הילף פון דער רעדאַקציע פון איצטיקן „פנקס" און האָט געהאַט דעם ציל פעסטצושטעלן די צאָל יידישע קינדער, וואָס לערנען זיך הן אין פאַרשיידענע מינים יידישע שולן (אויף יידיש און העברעאיש און פון אַלע ריכטונגען) והן אין פּוילישע שולן. זי איז דורכגעפירט געוואָרן באַזונדער פאַר דער פּראָווינץ און באַזונדער פאַר דער שטאָט ווילנע. אין דער פּראָווינץ איז די אַנקעטע דורכגעפירט געוואָרן מיט דער הילף פון די אָרטיקע „יעקאָפּאָ"-פאַרטרעטער, אין שטאָט ווילנע האָט געהאָלפן זאַמלען דעם מאַטעריאַל דער ה' נ. קאַסטעליאַנסקי.

אַלע ציפער און מאַטעריאַלן, וואָס ווערן געבראַכט אין דער אַנקעטע, זיינען גענומען געוואָרן פון די ערשטע מקורים אויף אָן אָרט און ווערן צום ערשטן מאָל פאַרעפנטלעכט.

די צאָל יידישע קינדער אין די שולן פון 49 שטעט און שטעטלעך פון ווילנער געגנט (ווילנער און נאָוואַרעד-קער וואָיעוואָדסטוועס), אויפֿן יסוד פון די באַקומענע גענוי אויסגעפילטע אַנקע-טעס פון די דאָזיקע פונקטן, ווערט אילוסטרירט דורך דער פאָלגנדער טאַ-בעלע:

טאַבעלע № 1

## צאָל יידי׳שע קינדער אין די שולן פון ווילנער געגנט אין לערן-יאָר 1929/1930.

| № | שטאָט | פאָלקס-שולן | | | | | | מיטלשולן | | | צוזאַמען |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | | יש"אָ | תרבות | ת"ת | רעליג. | חדרים | פוילישע פאָווס. | יידישע | העבר. | פוילישע | |
| 1 | איגנאַלינע | 62 | — | — | 43 | — | — | — | — | — | 105 |
| 2 | איווּיע | 60 | — | — | 260 | — | 10 | — | — | — | 330 |
| 3 | איווענעץ | — | 50 | 50 | — | — | 60 | — | — | — | 160 |
| 4 | אײשישאָק | — | — | — | 100 | 15 | 20 | — | — | — | 135 |
| 5 | איליע | — | — | — | — | 45 | 49 | — | — | — | 94 |
| 6 | אָלקעניק | — | — | — | 74 | — | 20 | — | — | — | 94 |
| 7 | אָלשאַן | — | 80 | — | — | — | — | — | — | — | 80 |
| 8 | אָסטרין | — | 154 | 22 | — | — | 20 | — | — | — | 196 |
| 9 | אָשמענע | 40 | [1] 180 | 100 | — | — | 30 | — | — | 50 | 400 |
| 10 | בעליצע | — | — | — | 50 | 25 | 15 | — | — | — | 90 |
| 11 | בראַסלאַוו | 175 | — | 35 | 43 | 54 | 3 | — | — | — | 310 |
| 12 | באַראַנאָוויטש | 64 | [2] 90 | 95 | — | [3] 258 | [4] 334 | — | — | [5] 493 | 1334 |
| 13 | דאָלהינאָוו | — | 115 | 10 | — | 12 | 110 | — | — | — | 247 |
| 14 | דאָקשיץ | — | 112 | — | — | 78 | 205 | — | — | — | 395 |
| 15 | דונילאָוויטש | 70 | — | — | 42 | — | 6 | — | — | — | [8] 118 |
| 16 | דעויעניש(אָ)ק | — | — | — | 82 | — | [7] 4 | — | — | — | 86 |
| 17 | דרויע | 70 | — | [6] 15 | — | [6] 45 | 45 | — | — | 15 | 190 |
| 18 | דאָווגעלישאָק | — | — | — | — | — | 22 | — | — | — | 22 |
| 19 | האָלובישט | — | — | 28 | — | — | 61 | — | — | — | 89 |
| 20 | האָראָדאָק | — | 50 | — | 50 | — | 30 | — | — | — | 130 |
| 21 | הײדוטשישאָק | 40 | 64 | — | — | — | — | — | — | — | 104 |
| 22 | הערמאַנאָוויטש | — | — | — | [9] 35 | — | 105 | — | — | — | 140 |
| 23 | וואָלאָזשין | — | 120 | — | — | — | 30 | — | — | — | 150 |
| 24 | וואַסילישאָק | — | 105 | 43 | — | 16 | 30 | — | — | — | 194 |
| 25 | וואָרניאַן | — | — | — | — | [10] 15 | 20 | — | — | — | 35 |
| 26 | ווילייקע | — | 95 | — | — | — | 12 | — | — | 45 | 152 |
| 27 | זאַסקעוויטש | — | — | — | — | — | [11] 13 | — | — | — | 13 |
| 28 | זשעלודאָק | 96 | — | [12] 67 | — | 10 | 16 | — | [13] 1 | [13] 6 | 196 |
| 29 | טראָב | — | — | — | 65 | 15 | 10 | — | — | — | 90 |
| 30 | טראָק | — | — | — | 40 | — | 19 | — | — | [14] 2 | 61 |
| 31 | לוושקי | — | — | 10 | — | 30 | 75 | — | — | — | 115 |
| 32 | לידע | 100 | 180 | 230 | — | 120 | 300 | — | — | 240 | 1170 |
| 33 | ליובטש | — | — | — | 80 | 25 | 43 | — | — | — | 148 |
| 34 | לעבעדעווע | — | 100 | — | — | — | 2 | — | — | — | 102 |
| 35 | מאָלאָדעטשנע | — | 60 | — | — | 4 | 8 | — | — | 39 | 111 |
| 36 | מיישעגאָלע | — | — | — | — | 23 | 16 | — | — | — | 39 |
| 37 | מיר | 23 | — | 162 | — | — | [15] 116 | — | — | — | 301 |
| 38 | נאָוואָגרודאָק | — | 250 | 30 | — | 80 | 63 | — | — | 120 | 543 |
| 39 | ניי-ווילייסק | 74 | — | — | — | 4 | — | — | — | 4 | 82 |
| 40 | ניי-סווענציאַן | 65 | 32 | — | — | — | 3 | [16] 1 | [16] 1 | [16] 2 | 104 |
| 41 | סווערזשען | — | [17] 2 | [17] 1 | — | 18 | 36 | — | — | — | 57 |
| 42 | פאָסטאַוו | 69 | 74 | — | — | — | 6 | — | — | — | 152 |
| 43 | קימעלישאָק | — | — | — | — | [18] 7 | 21 | — | — | — | 28 |
| 44 | קענע | — | — | — | — | 9 | 2 | — | — | — | 11 |
| 45 | קרעווע | — | [19] 19 | 10 | — | — | 5 | — | — | — | 34 |
| 46 | ראַקאָוו | [20] 3 | 105 | — | 12 | 20 | 46 | 1 | 2 | 3 | 192 |
| 47 | רודזישעק | — | — | — | 30 | — | 8 | — | — | — | 38 |
| 48 | שאַרקאָווטשיזנע | 70 | — | — | 35 | — | 8 | — | — | — | 113 |
| 49 | שטשוטשין | — | 110 | — | — | [21] 20 | 46 | — | — | — | 176 |
| | בסך-הכל | 1.081 | 2.250 | 908 | 1.041 | 948 | 2.103 | 2 | 4 | 1.019 | 9.256 |
| | % | 11,7 | 23,2 | 9,8 | 11,3 | 10,3 | 22,7 | 0,0 | 0,0 | 11,7 | 100,0 |

1) חוץ דעם אַ גן-ילדים מיט 18 קינדער, העברעאישע אָוונט-קורסן 15. 2) געז. „יהודיה“, אַ פאַרבערייטונגס-שול פון דער גימנאַזיע עפּשטיין. 3) אין די חדרים, הגם זיי זיינען אַלע רעליגיעזע, זיינען איינגעפירט אין זיי אַלגעמיינע למודים אין אַ באַדייטנדער מאָס. 4) אין דעם 295 קינדער אין אַ ספּעציעלער פּאָווסעכנער שול פאַר יידישע קינדער. 5) פון דעם 210 קינדער אין דער גימנאַזיע עפּשטיין מיט דער פּוילישער אונטערריכטס-שפּראַך; 124 — אין אַ פּריוואַטער פּוילישער גימנאַזיע מיט רעגירונגס-רעכט; 114 — אין דער מלוכה-גימנאַזיע; 45 אין דער האַנדלס-שול ביי דער פּוילישער בעזולפּאַסט „מאַציערזש פּאָלסקאַ“. 6) גייען גלייכצייטיק אין דער יש"אָ-שול אָדער פּוילישער פּאָווסעכנער. 7) חוץ דעם 8 בעענריקטע די יידישע שול. 8) אַלע קינדער פון שול-עלטער באַזוכן אַ שול. קיין אַנדערע לערן-אַנשטאַלטן זיינען נישאָ. 9) פון די 35 געפינען זיך אין פּוילישע פּאָווס. 22. 10) 8 פון זיי באַזוכן די פּאָווס. שול. 11) דעם צווייטן האַלבן טאָג לערנען זיי ביי אַ פּריוואַטן לערער. 12) געמישטע שול תרבות—תלמוד-תורה—רעליגיעזע. 13) אין אַנדערע שטעט. 14) אין פּוילישער סעמינאַר. 15) אָוונט-קורסן פאַר 57 קינדער פון פּאָווסעכנע. 16) אין אַנדערע שטעט. 17) אין אַנדערע שטעט. 18) גייען אויך אין פּאָווסעכנע, אין חדר—אינאָווגס. 19) אַ יידישע פאָלקס-שול מיט געמישטע למודים. 20) אין אַנדערע שטעט. 21) גייען אויך אין פּאָווסעכנע.

פון דער טאַבעלע איז אַלזאָ צו זען, אַז אין די 49 פונקטן פון דער ווילנער פּראָווינץ מיט די 9.256 יידישע שול-קינדער לערנען זיך אין העברעאישע שולן צוויי מאָל מער קינדער ווי אין יידישע שולן און אַז אין פּוילישע שולן לערנען זיך כמעט אַזויפיל יידישע קינדער ווי אין די העברעאישע שולן. די אָנגערופענע העברעאישע און יידישע שולן זיינען אַלע געזעלשאַפטלעכע און וועלטלעכע.

אין רעליגיעזע שולן פון פאַרשיידענע מינים (מזרחי — „ועד-המאוחד“ אָדער „תחכמוני“; אַגודה — „יבנה“ אָדער „חורב“; תלמוד-תורה; חדרים) לערנען זיך אויף דער פּראָווינץ כמעט אַ דריטל פון אַלע יידישע קינדער. דערביי איז אינטערעסאַנט דער פאַקט, אַז אויך די רעליגיעזע שולן זיינען געזעלשאַפטלעכע און דער חדר, אַלס פּריוואַטע אונטערנעמונג, ווערט אַלץ מער אָפּגעשטופּט אויפן לעצטן אָרט. די אונטעריכטס-שפּראַך אין די דאָזיקע שולן איז יידיש אָדער העברעאיש אָדער גאָר געמישט: יידיש-העברעאיש.

וואָס איז שייך דער מיטעלער בילדונג פון די יידישע קינדער אויף דער ווילנער פּראָווינץ באַזוכן זיי כמעט אַלע די פּוילישע מלוכהשע גימנאַזיעס (אין באַראַנאָוויטש — אויך פּריוואַטע פּוילישע גימנאַזיעס). קיין יידישע אָדער העברעאישע מיטלשולן זיינען אויף דער ווילנער פּראָווינץ ניטאָ (געווען אַ יידישע גימנאַזיע פון יש"אָ אין סווענציאַן, זי האָט זיך אָבער מיט אַ פּאָר יאָר צוריק פאַרמאַכט). אַ געוויסע צאָל עלטערן שיקן זייערע קינדער פון פּראָווינץ קיין ווילנע אין יידישע אָדער העברעאישע מיטלשולן. אויך די ווילנער יידישע און העברעאישע לערער-סעמינאַרן האָבן פיל תלמידים און תלמידות פון פּראָווינץ.

אַ גרויסע אַנטוויקלונג באַווייזן די פּוילישע מלוכהשע פאָלקסשולן („פּאָווששעכנע“) אויף דער פּראָווינץ, וואו אין דעם אַנקעטע-יאָר האָבן זיך געלערנט כמעט אַ פערטל פון אַלע יידישע שול-קינדער. דאָס איז אַ נייע ערשיינונג, וואָס איז אין די פריערדיקע יאָרן ניט געווען באַקאַנט אין ווילנער געגנט און וואָס האָט אַ טענדענץ כסדר זיך צו פאַרגרעסערן. דאָס דערקלערט זיך ניט נאָר דערמיט, וואָס אין די דאָזיקע שולן קאָסט ניט קיין שכר-לימוד (נאַטירלעך, אַ זייער וויכטיקער פאַקטאָר פאַר דער פאַראָרעמטער יידישער באַפעלקערונג), נאָר אויך מיט דער פּאָלאָניזאַציע, וואָס הייבט אָן צו לאָזן וואָרצלען אין ווילנע און ווילנער געגנט. צוזאַמען מיט די פּוילישע מיטלשולן (וואָס גיבן רעכט להיפוך צו די יידישע און העברעאישע מיטלשולן, וועלכע זיינען „פּריוואַטע“ און אָן רעכט) באַטרעפן די יידישע קינדער אין די פּוילישע לערנאַנשטאַלטן אַ גאַנצן דריטל פון אַלע יידישע שול-קינדער.

אויף אַזאַ אופן באַטרעפן אין לערניאָר 1929/1930 אין די 49 פונקטן פון ווילנער פּראָווינץ די צאָל יידישע קינדער אין די יידישע און העברעאישע שולן — עפּעס מער ווי אַ $^1/_3$; אין די רעליגיעזע שולן — עפּעס ווייניקער ווי אַ $^1/_3$ און אין די פּוילישע שולן — אַ $^1/_3$. אָבער אין די יידישע, העברעאישע און רעליגיעזע שולן צוזאַמען — $^2/_3$ און דאָס ניט געקוקט אויף דעם, וואָס די עלטערן מוזן ממש ברענגען גרויסע מאַטעריעלע קרבנות, דערהויפּט אין שווערע און ביטערע קריזיס-צייטן און דאָרט, וואו די קינדער גייען אין יידישע אָדער העברעאישע מיטלשולן — אויך ריזיקירן מיט די מאַטורע-רעכט און מיט איבעריקע לערניאָרן און אָנשטרענגונגען, וואָס די קינדער דאַרפן פּטרן שוין נאָכן ענדיקן די רעכטלאָזע יידישע און העברעאישע גימנאַזיעס, אָנקומענדיק צוליב מאַטורע אין די לעצטע קלאַסן פון פּוילישע גימנאַזיעס מיט רעכט. ניט האָבנדיק קיינע שום שטיצעס פון דער רעגירונג, ליידן, פון דער אַנדער זייט, די יידישע און העברעאישע שולן פון אַ פולשטענדיקן געלט-מאַנגל און די לערער ווערן איינפאַך פאַרהונגערט.

מען דאַרף אָבער פעסטשטעלן, אַז ניט אומעטום ווערט געפירט דער דאָזיקער העראָאישער קאַמף פאַר די עקסיסטענץ פון דער יידישער אָדער העבּראַאישע שול. אין פיל ערטער גיבן די עלטערן פרייוויליק אָפּ זייערע קינדער אין פּוילישע שולן און אָט דאָס פּאָלאָניזירן זיך, צי אונטערן דרוק פון די אויסערלעכע מאַטעריעלע סיבות און פּריווילעגיעס צי אויך באַוואוסטזיניק צוליב תכלית-צוועקן און צופּאַסן זיך צו דער הערשנדער קולטור, איז געוואָרן אַן אָפּטע דערשיינונג אויך אין ווילנער געגנט און מערקט זיך אַפילו אין שטאָט ווילנע, וואו דער קאַמף פאַר די יידישע שול איז שטאַרקער און אויסגעהאַלטענער ווי וואו ניט איז אַנדערשוואו אין פּוילן.

די ווייטערדיקע טאַבעלע נומ' 2 אילוסטרירט דעם מצב אין שטאָט ווילנע אין זעלבן לערניאָר 1929/1930:

טאַבעלע № 2

צאָל יידישע שול-קינדער אין דער שטאָט ווילנע אין לערניאָר 1929/1930.

| שולן | צאָל קינדער | בסך-הכל | % |
|---|---|---|---|
| 1. צ. ב. ק. (יש"אָ): | | | |
| 2 קינדער-גערטנער . . . . . . . . | 76 | | |
| 9 פאָלקס-שולן . . . . . . . . | 1.803 | | |
| 2 גימנאַזיעס . . . . . . . | 230 | | |
| 1 לערער-סעמינאַר . . . . . . . . | 155 | 2.264 | 26,3 |
| 2. שול-קולט: | | | |
| 1 קינדער-גאָרטן . . . . . . . . | 20 | | |
| 1 פאָלקס-שול . . . . . . . . | 386 | 406 | 4,7 |
| 3. תרבות: | | | |
| 1 קינדער-גאָרטן . . . . . . . . | 25 | | |
| 3 פאָלקס-שולן . . . . . . . . | 376 | | |
| 2 גימנאַזיעס . . . . . . . . | 351 | | |
| 1 לערער-סעמינאַר . . . . . . . . | 165 | 917 | 10,6 |
| 4. תחכמוני: | | | |
| 8 פאָלקס-שולן . . . . . . . . | 1.548 | | |
| 1 גימנאַזיע . . . . . . . . | 292 | | |
| 1 לערער-סעמינאַר . . . . . . . . | 43 | 1.883 | 21,9 |
| 5. חורב: | | | |
| 8 פאָלקס-שולן . . . . . . . . | | 491 | 5,7 |
| 6. פּוילישע: | | | |
| 2 רעגירונגס-פאָלקס-שולן ספּעציעל פאַר יידישע קינדער . . | 599 | | |
| 16 אַלגעמיינע (פּאָווששעכנע) רעגירונגס-פאָלקס-שולן . . | 58 | | |
| 1 פּריוואַטע פאָלקס-שול . . . . . . | 42 | | |
| 7 רעגירונגס-גימנאַזיעס . . . . . | 226 | | |
| 8 פּריוואַטע גימנאַזיעס (מיט רעכט) . . | 1.714 | 2.649 | 30,8 |
| בסך-הכל . . . | | 8.610 | 100 |

צו די טאַבעלן נומ׳ 1 און 2, ווי אויך צו די ווייטערדיקע, דאַרף מען קודם-כל באַמערקן, אַז ייִדישע שולן הייסן ביי אונז אַזעלכע, וואו די אונטערריכטס-שפּראַך איז—ייִדיש; העבּרעאישע—אַזעלכע, וואו די אונטערריכטס-שפּראַך איז העבּרעאיש; פּוילישע — וואו די אונטערריכטס-שפּראַך איז פּויליש, דערביי אַלץ איינס צי די שולן געהערן צו דער מלוכה, צי זיי זיינען פּריוואַטע, צי זיי ווערן אָנגעפירט פון ייִדן צי פון ניט-ייִדן, צי פאַר ייִדן צי געמישט.

פון דער טאַבעלע נומ׳ 2 זעען מיר, אַז פון דער אַלגעמיינער צאָל ייִדישע שול-קינדער אין שטאָט ווילנע לערנען זיך אין די ייִדישע שולן כמעט אַזוי פיל וויפיל אין די פּוילישע און עפּעס מער ווי אין די רעליגיעזע. שטאַרק אָפּגעשטאַנען איז די צאָל קינדער אין די העבּרעאישע שולן, וואו זי איז דריי מאָל קלענער ווי אין די ייִדישע, אַ פּונקט פאַרקערטע ערשיינונג ווי אויף דער פּראָווינץ. דערצו דאַרף מען נאָך מוסיף זיין, אַז אין דער גרעסערער מערהייט פון די רעליגיעזע שולן (אין די תחכמוני-שולן, חוץ דריי, און אין די חורב-שולן) איז די אונטערריכטס-שפּראַך אויך ייִדיש. אין דריי שולן פון תחכמוני — העבּרעאיש. אין איניקע רעליגיעזע שולן — געמישט.

אויף אַזאַ אופן לערנען זיך אין שטאָט ווילנע אין די פּוילישע שולן 30,8 פּראָצ. פון אַלע ייִדישע שול-קינדער, אין די ייִדישע — 31 פּראָצ., אין די רעליגיעזע — 27,6 פּראָצ. און אין די העבּרעאישע — 10,6 פּראָצ. אין די ייִדישע און העבּרעאישע וועלטלעכע שולן צוזאַמען — 41,6 פּראָצ., אין די ייִדישע, העבּרעאישע און רעליגיעזע שולן צוזאַמען — 69,2 פּראָצ. קעגן די 30,8 פּראָצ. פון די פּוילישע שולן.

אין דעם אַנקעטע-יאָר זיינען נאָך געווען אין ווילנע אַ פּאָר פּריוואַטע העבּרעאיש-פּוילישע לעראַנשטאַלטן מיט עטלעכע הונדערט פּופציק קינדער, וואָס זיינען נים אַריין אין דער טאַבעלע, ווי דער לערער-סעמינאַר פון ד״ר טשאַרנאָ א. א., אַ פראַנצויזישער ליציי, וואו כמעט אַלע קינדער (אַ פּאָר צענדליק) זיינען ייִדישע און אַ ווייסרוסישע גימנאַזיע, וואו ס׳האָט זיך געלערנט 1 ייִדישע שילערין. אין די צוויי רוסישע און אין דער ליטווישער גימנאַזיע (וואָס האָבן נים קיין רעכט) איז קיין ייִדישע שילער נים געווען. כאַראַקטעריסטיש, אַז אין דער פּוילישער פּריוואַטער גימנאַזיע מיט רעגירונגס-רעכט אויפן נאָמען פון טשאַצקי האָט מען געקענט פעסטשטעלן די צאָל



ייִדישע קינדער נאָר לויט דער רובריק „רעליגיע“. די נאַציאָנאַליטעט האָבן דאָס רוב פון די 25 ייִדישע קינדער אָנגעגעבן פּויליש און אַ פּאָר אַפילו רוסיש.

ס׳איז נאָך אינטערעסאַנט אָנצוגעבן איניקע אַלגעמיינע ציפער וועגן די פּוילישע שולן אין ווילנע, פון וועלכע ס׳איז ניט אָן שוועריקייטן אויסגעקומען פעסטצושטעלן די סטאַטיסטישע ידיעות וועגן די ייִדישע קינדער, וואָס זיינען געבראַכט אין דער טאַבעלע נומ׳ 2, פּונקט 6.

בסך-הכל זיינען אין דעם אַנקעטע-יאָר געווען אין ווילנע 38 פּוילישע רעגירונגס-פאָלקסשולן (פּאָווסשעכנע) מיט אַן אַלגעמיינער צאָל קינדער 12.300.

חוץ דעם 4 ספּעציעלע פּאָווסשעכנע שולן, פון זיי איז איינע פאַר מאָראַליש-פאַרנאַכלעסיקטע קינדער (93, אַלע ייִנגלעך); די צווייטע — פאַר גייסטיק-אָפּגעשטאַנענע קינדער (102 ייִנגלעך און מיידלעך); די דריטע — פאַר טויב-שטומע קינדער (44 ייִנגלעך און מיידלעך) און די פערטע — פאַר בלינדע קינדער (10). די ספּעציעלע שול 1 האָט אַן אינטערנאַט ביי דער שול. אין די ספּעציעלע שולן 2, 3 און 4 זיינען קיין אינטערנאַטן ניטאָ. ייִדישע קינדער איז פאַראַן נאָר 1 אין דער ספּעציעלער שול נומ׳ 2.

פון די 38 פּאָווסשעכנע זיינען פאַראַן ייִדישע קינדער נאָר אין 17 שולן, צוזאַמען מיט דער 1 ספּעציעלער—אין 18. פון די 657 קינדער, וואָס באַזוכן די 18 שולן זיינען גאַנצע 91 פּראָצ. אין די צוויי פּאָווסשעכנע פאַר ייִדישע קינדער (442+157=599) און די איבעריקע 9 פּראָצ. ווערן פונאַנדערגעטיילט אויף פאָלגנדן אופן: פּאָווסשעכנע נומ׳ 1 — 5 ייִדישע קינדער; נומ׳ 2 — 5; נומ׳ 3 — 4; נומ׳ 4 — 1; נומ׳ 9 — 3; נומ׳ 11 — 1; נומ׳ 14 — 2; נומ׳ 15 — 7; נומ׳ 17 — 1; נומ׳ 19 — 4; נומ׳ 22 — 7; נומ׳ 24 — 1; נומ׳ 31 — 5; נומ׳ 32 — 1; נומ׳ 37 — 11. דער אַלגעמיינער פּראָצענט ייִדישע קינדער אין די פּאָווסשעכנע איז 5,3 און אויב מען זאָל ניט רעכענען די צוויי „ייִדישע“ פּאָווסשעכנע — 0,5 פּראָצענט.

אַזויגערופענע פּריוואַטע פאָלקסשולן זיינען, לויט די אָפיציעל-באַקומענע ידיעות, פאַראַן אין ווילנע 54, דערפון 38 ייִדישע, 12 פּוילישע, 2 ליטווישע, 1 דייטשע און 1 מיט דער פראַנצויזישער שפּראַך (ליציי).

מלוכה-גימנאַזיעס זיינען פאַראַן אין ווילנע 7 מיט אַן אַלגעמיינער צאָל קינדער 2.344 (1.607 ייִנגלעך און 737





מיידלעך), פון זיי 266 ייִדן (170 ייִנגלעך און 56 מיידלעך) אָדער 9,6 פּראָצ.

אין די פּריוואַטע גימנאַזיעס מיט דער פּוילישער אונטערריכטס-שפּראַך און מיט רעכט זיינען אין דעם גרעסטן טייל פון זיי אַלע קינדער ייִדישע און אין איניקע כמעט אַלע ייִדישע אָדער די ווייט גרעסטע מערהייט. בלויז אין איינער — זיינען ייִדישע קינדער אין אַ מינדערהייט.

דער ערשטער, וואָס האָט געעפנט אַ פּוילישע גימנאַזיע פאַר ייִדישע קינדער אין ווילנע (מיט איניקע שעה אין וואָך העבּרעאיש און ייִדישע געשיכטע אויף העבּרעאיש), איז געווען דער געקומענער פון גאַליציע קיין ווילנע אין יאָר 1919 ה׳ חיים עפּשטיין (דערנאָך זיינען אָנגעקומען אַ גאַנצע ריי אַנדערע). אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט ער אויך געעפנט אַזאַ גימנאַזיע אין באַראַנאָוויטש. די איבעריקע פּריוואַטע גימנאַזיעס זיינען לכתחילה געווען אויף רוסיש, דערנאָך זיינען זיי אַלע אַריבער אויף פּויליש און האָבן באַקומען מאַטורע-רעכט. אַלס איינגאַרטיקע ווילנער ערשיינונג איז כאַראַקטעריסטיש דער פאַקט, וואָס אויך אין די דאָזיקע גימנאַזיעס ריידן די קינדער צווישן זיך גרעסטנטיילס אויף ייִדיש. און אין איניקע פון זיי לערנט מען אַ פּאָר שעה אין וואָך ייִדישע ליטעראַטור און געשיכטע אויף ייִדיש. די באַציאונג צו די גימנאַזיעס מצד די עלטערן איז אַ בולט-פּראַקטישע און האָט קודם-כל אין זינען תכלית-צוועקן. לויט דער צאָל קינדער גייט אויפן ערשטן אָרט די גימנאַזיע פון ה׳ עפּשטיין — 570, דערנאָך גייען די איבעריקע גימנאַזיעס מיט אַ צאָל קינדער פון 270, 252, 216, 166, 103 און 107. איינע פון די פּריוואַטע גימנאַזיעס מיט 108 קינדער, וואָס האָט לכתחילה געלערנט אויף ייִדיש און האָט ביסלעכווייז אָנגעהויבן אַריבערצוגיין אויף פּויליש, האָט זיך שפּעטער געשלאָסן.

כדי צו דערגאַנצן די טאַבעלעס נומ׳ 1 און 2 איז נאָך כדאי צו ברענגען די רשימות פון די קינדער לויט איינצלנע צענטראַלעס אין דעמזעלבן אַנקעטע-יאָר:

### טאַבעלע № 3

**צאָל קינדער אין די שולן פון ישׁ״אָ אויף דער ווילנער פּראָווינץ אין לערניאָר 1929/1930.**

1. אָשמענע — 60; 2. אינגבאַלינע — 65; 3. איוויע — 65; 4. בראַסלאָוו — 195; 5. גלובאָקע — 200; 6. דאָקשיץ — 35; 7. דווינילאָוויטש — 75; 8. דוקשט — 55; 9. דיסנע — 180; 10. דרויע — 120; 11. האַראַ-

דישטש — 60; 12. היידוצישאק — 40; 13. ווידז — 65; 14. זשעלודאק — 120; 15. לידע — 75; 16. ניי-ווילייקע — 70; 17. ניי-סווענציאן—6?; 18. סווענציאן—170; 19. פאסטאוו—70; 20. שארקאווטשיזנע—70; שטשוטשין—60. בסך-הכל 1.915 קינדער.

### טאבעלע № 4

צאל קינדער אין די שולן פון „תרבות״ איף דער ווילנער פראווינץ אין לערניאר 1929/1930.

1. אשמענע—190; 2. אסטרין—93; 3. איוועניעץ — 61; 4. בורסלאוו — 30; 5. דאלהינאוו—110; 6. דעווענישאק—59; 7. האלשאן—52; 8. הארארדאק—50; 9. היידוצישאק—53; 10. ווילייקע—45; 11. וואסילישאק—91; 12. וואלאזשין—120; 13. דרויסק 36; 14. לידע—126; 15. לעבעדעווע—70; 16. מאלאדעטשנע—58; 17. נאוואגרודאק — 228; 18. ניי-סווענציאן — 38; 19. סווענציאן—115; 20. סמארגאן—95; 21. סאל—36; 22. פאסטאוו—64; 23. פאדבראדז—73; 24. קורעניעץ—55; 25. קאזיאן—33; 26. ראקאוו—65; 27. שטשושטשין—52. בסך-הכל 2.101 קינדער.

צו די טאבעלן נומ׳ 3 און 4 דארף מען באמערקן, אז די ציפער און די פונקטן פאלן ניט אינגאנצן צונויף מיט די ציפער און פונקטן פון דער טאבעלע נומ׳ 1, ווייל די טאבעלע נומ׳ 1 איז צונויפגעשטעלט געווארן אויפן יסוד פון די אויספארשונגען פון אונזערע קארעספאנדענטן און פארטרעטער אויף די ערטער און די ידיעות פאר די טאבעלן נומ׳ 3 און 4 האבן אונז געגעבן די שול-צענטראלעס אין ווילנע. חוץ דעם האבן מיר פון אייניקע פונקטן, וואס זיינען אנגעגעבן ביי די צענטראלעס, ניט באקומען קיין גענוגנדע מאטעריאלן פון די ערטער און זיי זיינען דורכגעלאזן אין דער טאבעלע נומ׳ 1, וועלכע איז אבער אין אלע איבעריקע פרטים פיל גענויער און פולער.

### טאבעלע № 5

די שולן פון צ. ב. ק. (צענטראלער בילדונגס-קאמיטעט, אנגעשלאסן אן יש״א) אין ווילנע אין לערניאר 1929/1930:

1. קינדער-גארטן א. נ. פון ב. באראכאוו—50 קינדער; 2. קינדער-גארטן איף פאהולאנקע 18 — 26; 3. פאלקסשול ביי דער מאטעמאטיש-נאטורוויסנשאפטלעכער גימנאזיע — 99; 4. פאלקסשול ביי דער הומאניסטישער גימנאזיע — 40; 5. פאלקסשול א. נ. פון י. דינעזאן—137; 6. פאלקסשול א. נ. פון שלום-עליכם — 220; 7. פאלקסשול א. נ. פון ש. פרוג—447; 8. פאלקסשול א. נ. פון ד. קופערשטיין — 305; 9. פאלקסשול א. נ. פון ל. גורוויטש—236; 10. פאלקסשול „מפיצי-השכלה״—289; 11. פאלקסשול „גרינינקע ביימעלעך״—30; 12. מאטעמאטיש-נאטורוו. גימנאזיע, הומאניסטישע גימנאזיע — 220; 13. יידישער לערער-סעמינאר—155. בסך-הכל 2.264 קינדער.

### טאבעלע № 6

די שולן פון „תרבות״ אין ווילנע אין לערניאר 1929/1930.

1. לערער-סעמינאר — 165 קינדער; 2. פאלקסשול, זאוואלנע 21 — 194; 3. פאלקסשול, פאהולאנקע 7 — 85; 4. פאלקסשול, זאוואלנע 4 — 97; 5. גימנאזיע „עברית״ — 288; 6. רעאל-גימנאזיע — 63; קינדער-גארטן—25. בסך-הכל 917 קינדער.

### טאבעלע № 7

די שולן פון „תחכמוני״ אין ווילנע אין לערניאר 1929/1930.

1. גימנאזיע „תושיה״—292 קינדער; 2. פאלקסשול „עזרא״—394; 3. פאלקסשול פאר מיידלעך א. נ. פון הרבנית אסתר רובינשטיין—205; 4. תורת אמת—256; ת״ת העירוני—185; 6. בית יהודה—103; 7. ת״ת המאוחד—75; 8. „מזרחי״ א. נ. פון פערלמאן — 180; 9. „מזרחי״ א. נ. פון שאפירא — 43. בסך-הכל 1883 קינדער.

### טאבעלע № 8

די שולן פון „חורב״ אין ווילנע אין לערניאר 1929/1930.

1. שול № 45 — 20 קינדער; 2. שול № 46 — 30; 3. שול № 47 — 40; 4. שול № 48 — 23; 5. שול № 49 — 48; 6. שול № 50 — 80; 7. שול № 51 — 150; 8. שול № 52 — 120. בסך-הכל 491 קינדער.

פון די טאבעלן 5, 6, 7 און 8 איז צו זען, אז דעם ערשטן ארט אין ווילנע פארנעמען (ניט רעכענענדיק די פוילישע שולן) די יידישע וועלטלעכע שולן, אויפן צווייטן ארט גייען די „מזרחי״-שולן, אויפן דריטן ארט — „תרבות״, אויפן פערטן ארט — די „חורב״-שולן. צום סוף דארף מען נאך צורעכענען די לערנאנשטאלטן פון דער נייער צענטראשולקולט״ מיט אירע 405 קינדער. צוזאמען האבן די פינף צענטראלעס 5.936 קינדער און פראצענטועל וועט די פארהעלטעניש זיין פאלגנדע: צ. ב. ק. — 38,2 פראצ.; „תחכמוני״ — 31,7 פראצ.; „תרבות״ — 15 פראצ.; „חורב״ — 8,3 פראצ.; „שולקולט״ — 6,8 פראצ.

וואס איז שייך די דאטן פון די רעליגיעזע צענטראלעס וועגן זייערע שולן אויף דער פראווינץ באזיצט די רעדאקציע באקומענע פון זיי מאטעריאלן, וואס זיינען אבער ניט גענוג פרעציזירט, אז מען זאל זיי קענען גענויער באארבעטן און פארעפנטלעכן. אויך דער כאראקטער פון די דאזיקע שולן איז א ניט גענוג פעסטגעשטעלטער. חוץ דעם פרעטענדירן דא אויף איינע און דיזעלבע שולן אייניקע צענטראלעס, אדער א ריי פון די שולן האבן בכלל ניט קיין גענוגנדן באגריף וועגן א צענטראלע און געהערן גיכער צום טיפ פון פריוואטע חדרים. די דאטן גופא זיינען נאר אומגעפערע. מיר גיבן דא אלזא בלויז אן די סומארע ציפער פון די דאזיקע מאטעריאלן מיט די אויבן-באצייכנטע באווארענישן.

לויט די מאטעריאלן, אלזא, וואס מיר האבן באקומען פון ווילנער „חורב״ (וועלכע איז א צענטראלע פאר די מזרח-קרעסן), האט דידאזיקע צענטראלע פארמאגט אין דעם אנקעטע-יאר 152 רעליגיעזע פאלקסשולן (אדער חדרים) אין 152 פראווינציעלע (ד. ה. אן דער שטאט ווילנע) שטעט און שטעטלעך פון ווילנער, נאוואגרודקער, ביאליסטאקער, פאליעסער און וואלינער וואיעוואודסטוועס, מיט אן אלגעמיינער צאל פון 16.499 קינדער (שפעטער האט נאך „חורב״ צוגעשטעלט א הוספה-רשימה פון 54 פונקטן מיט 3.115 קינדער). די ווילנער צענטראלע „תחכמוני״ האט אנגעגעבן אין ווילנער פראווינץ בלויז 4 רעליגיעזע פאלקסשולן מיט 283 קינדער אין 4 פונקטן פון ווילנער וואיעוואודסטווע. די צאל קינדער אין די שולן פון „תחכמוני״ און „חורב״ אין ווילנע, ווא די פראפארציע איז א פארקערטע (4 קעגן 1), איז אנגעגעבן אין דער טאבעלע נומ׳ 2.

צום סוף וועלן מיר נאך ברענגען די דאטן וועגן די ישיבות, וואס מיר האבן אין אנקעטע-יאר באקומען פון ועד-הישיבות אין ווילנע. די דאטן ווערן געבראכט אין דער פאלגנדער טאבעלע נומ׳ 9:

### טאבעלע № 9

די ישיבות אין יאר 1929/1930.

גרויסע ישיבות:

1. בריסק, „תורת-חסד״—112 תלמידים; 2. באראנאוויטש, „אוהל תורה״ — 206, „תורת חסד״ — 64; 3. ביאליסטאק, „בית יוסף״ — 210, „בית אולפנא״ — 71; 4. גראדנע, „שער התורה״—170; 5. וואלאזשין, „עץ חיים״ — 55; 6. ווילנע,

„ראמיילעס״ — 170; 7. לאמזשער — 238; 8. מירער — 350; 9. מעזריטש, „בית יוסף״ — 186; 10. נאוואגרודאק, „בית יוסף״ — 50; 11. סלאנימער — 205; 12. פינסק, „בית יוסף״ — 160; 13. קאמעניעץ-ליט., „כנסת בית יצחק״ — 122; 14. קאברינער — 107; 15. קלעצק, „עץ חיים״ — 149; 16. ראדון, „חפץ חיים״ — 248. בסך-הכל 2.873.

קליינע ישיבות:

1. איישישקער — 21 תלמידים; 2. אשמענער—50; 3. איוויער (פרוזשאן)—103; 4. בראסלאווער — 46. 5. בריינסקער—97; 6. ביעלסקער—50; 7. באראנאוויטש, „אוהל תורה״ — 71, „תורת חסד״ — 120; 8. גראדנער — 78; 9. גלובאקער—25; 10. ווילנע, „תומכי תמימים ליובאוויץ״ — 60; 11. זעמבראווער — 84; 12. זשעטלער — 34; 13. וויסאקי-מאזאוויעצער — 61; 14: טשעכנאוויצער — 45; 15. לידער — 84; 16. ליובטשער — 30; 17. ליאכאוויטשער—49; 18. לונינעצער—15; 19. מירער—76; 20. נאוואגרודקער—87; 21. סעמיאטיטשער — 30; 22. סטאלינער — 35; 23. סוויסלאטשער — 30; 24. סקידלער — 38; 25. קאלנער — 26; 26. קאסאוו-פאליעסער — 49; 27. קאברינער — 38; 28. קלעצקער — 54; 29. ראזשינאיער — 54; 30. ראדונער — 55; 31. ראקאווער — 40. בסך-הכל 1.735 תלמידים.

ישיבות אויף וואלין:

1. אלעקסאנדריער — 60 תלמידים; 2. ראוונער — 250; 3. לוצקער — 278; 4. וולאדימיר-וואלינסקער—138; 5. ווישניעווצער—52; 6. דובראוויטשער—53; 7. סארנער — 38; 8. קארעצער — 160. בסך-הכל 1.029 תלמידים.

די צאל תלמידים אין אלע ישיבות:

18 גרויסע ישיבות—2.873 תלמידים; 32 קליינע ישיבות — 1.735; 8 ישיבות אויף וואלין—1.029. בסך-הכל אין די 52 ישיבות — 5.637 תלמידים.

אין צוזאמענהאנג מיט דער אנקעטע און מיט אנדערע געזעלשאפטלעכע ענינים האבן צוויי פארשטייער פון „יעקאפא״ באזוכט דעם 10 אקטאבער 1929 די מירער ישיבה און האבן דארט פארבראכט א מעת-לעת.

אז מיר זיינען אריינגעפארן אין שטעטל אוונטצייט, האבן מיר שוין פונדערווייטן דערזען די העל-באלויכטענע פענסטער פון דעם גרויסן הילצערנעם בנין פון דער ישיבה מיט דעם איין זייער גרויסן זאל, וואו אלע לערנען צוזאמען און די ניגונים האבן זיך געטראגן ווייט איבערן שטעטל. ס'איז געווען ערב די יומים-נוראים און צוליב דעם זיינען זיך צונויפגעפארן קיין מיר אויף א פאר וואכן פיל מער לערנער ווי געוויינלעך און אין דער ישיבה האבן מיר דאן געפונען איבער 400 יונגע מענטשן, וואס האבן געלערנט און געדאווענט מיט גרויס עקסטאז. ס'האט אויך איבערראשט די אויסגעהאלטענע דיסציפלין אין דער ישיבה, די פארהעלטניסמעסיקע ריינקייט, וואס איז אויפגעהיט געווארן (ביי אזא גרויסן עולם, וועלכער איז קאנצענטרירט אין איין זאל, די פנימער פון פיל לערנער, וואס זיינען ניט באוואקסן (באנוצן דערצו א פראשעק), די באהאוונטקייט פון ניט ווייניק בחורים אין צייטונגען, פאליטיק און וועלט-געשעעניש און זייער היינטוועלטיקייט. אין פאדערהויז וואשט מען די הענט, רעכטס איז דער אריינגאנג אין זאל און לינקס אין א זייטיקן צימער, וואו ס'געפינט זיך א גאנץ באדייטנדע רבנישע ביבליאטעק און אין א שאפע אפילו אן אייגענע אפטייק. אין א צימער העכער איבער הילצערנע טרעפ זאגט דער משגיח פאר גרופעס לערנער מוסר.

אויפן הויף ווערט געבויט א גרויסער וואטער מיט קאנאליזאציע, וואס דארף פארבעסערן די היגיענישע באדינגונגען פון דער ישיבה. די אינוועסטיציעס דארפן קאסטן היפשע עטלעכע טויזנט דאלאר, אויף וועלכע א פריוואטער נדבן האט געגעבן ביי א צוויי טויזנט דאלאר, דער „דזשוינט״ האט געגעבן א פאר טויזנט דאלאר און די איבעריקע ווערן געזאמלט.

די ראשי הישיבה זיינען ר' יהודה פינקל (א זון פון דעם גרינדער און פירער פון סלאבאדקער און שפעטער חברונער ישיבה ר' נטע הירש פינקל) און ר' אברהם-הירש קאמאי. דער משגיח איז ר' ירוחם לוואוויטש, וואס האט א נאמען אלס איינער פון די גרעסטע (נאך דעם אויבנדערמאנטן ר' נטע הירש פינקל, וואס איז געשטארבן מיט א פאר יאר צוריק) מוסר-זאגער אין דער יידישער רעליגיעזער וועלט. מיר האבן געהאט געשפרעכן מיט די ראשי הישיבה, מיטן משגיח און מיט אייניקע פון די לערנער. פיל האט אונז מיטגעהאלפן ביים באזוך דער געוועזענער ראקאווער רב ר' אברהם קאלמאנאוויטש (אויך געווען פארטרעטער פון „יעקאפא״ אין ראקאוו בעת די שווערע היימלאזע-צייטן), וואס איז דער נשיא פון דער ישיבה.

פון די ידיעות, וואס מיר האבן באקומען אין דער ישיבה, שטעלט זיך ארויס, אז די לערנער קומען זיך צונויף פון דער גאנצער וועלט. דער גרעסטער טייל פון זיי איז פון קאנגרעס-פוילן, גאליציע, קרעסן און שלעזיע, דערנאך זיינען פאראן פיל פון סאוועט-רוסלאנד, צוויי צענדליק זיינען פון דייטשלאנד, פיל פון אמעריקע, דערנאך זיינען פאראן פון טשעכיע, עסטרייך, ענגלאנד, אונגארן, בעלגיע א.א. פון דייטשלאנד זיינען פאראן אפילו צוויי דאקטוירים; פון ווילנע א סטודענט פון אוניווערסיטעט; ס'זיינען פאראן נאך עטלעכע מיט העכער און מיטעלער בילדונג. א סך זיצן אפ אין דער ישיבה לאנגע יארן. ס'זיינען דא אויך אזעלכע, וואס האבן פון דער ישיבה רייך חתונה געהאט, האבן באקומען א טייל אין דעם שווערס געשעפטן און האבן זיך צוריק אומגעקערט אין דער ישיבה לערנען אויף געוויסע צייטן. אנדערע גיבן אפ דער ישיבה זייער נדן אויף דעפאזיט און העלפן איר דערמיט ארויס אין שווערע צייטן.

דער גרעסטער טייל פון די לערנער זיינען שטארק נויטבאדערפטיק אדער אפילו ארעם און קענען ווייניק באקומען פון דער היים. בלויז א פאר צענדליק נויטיקן זיך ניט אין דער מאטעריעלער הילף פון דער ישיבה. לויט דעם גראד נויטבאדערפטיקייט באקומען די בחורים חודשדיקע אונטערשטיצונגען פון דער ישיבה בערך לויט דער פאלגנדער רשימה: 150 בחורים באקומען פון דער ישיבה פון 10 ביז 12 דאלאר א חודש; 100 — פ'ן 8 ביז 10 דאלאר; 80 — פון 6 ביז 8 דאלאר; 20 — גארניט. א לערנער פארלעבט דורכשניטלעך 15 דאלאר א חודש. אויף אזא אופן קומט אריין אין שטעטל איבער 5.000 דאלאר א חודש, — און די גאנצע שטעטל איז שטארק אנגעוויזן אויף דער ישיבה, פון וועלכער זי ציט חיונה. די ישיבה גופא באקומט אירע געלטער פון זאמלונגען איבער דער וועלט, אמעריקאנער שטיצע, פון נותנים אין פוילן און פון ועד-הישיבות (פון לעצטן בערך 200 דאלאר א חודש). דער גאנצער בודזשעט פון דער ישיבה איז בערך 3.500 ביז 4.000 דאלאר א חודש, פון דעם באטרעפן די אדמיניסטראטיווע הוצאות פון 500 ביז 600 דאלאר א חודש.

די מירער ישיבה רעכנט זיך איצט פאר די גרעסטע אין דער וועלט. נאך איר גייט די ראדונער ישיבה פון חפץ חיים. ביידע זיינען אין ווילנער געגנט.

אויפן פאן פון די יידישע און העברעאישע וועלטלעכע שולן אין ווילנער געגנט און דער נייער, מאדערנער

יידישער קולטור, וואס שטראמט פון ווילנע, ווארפן די ישיבות אויסטערלישע בייערלעך און ס'באקומט זיך א געמיש פון אלטער און נייער יידישקייט, רע-ליגיעזע טראדיציעס און פרייער דערצי-אונג, נאציאנאל - אוניווערסאלער און פרום-ארטאדאקסישער אויסבילדונג, וואס גייען מיט באזונדערע וועגן און בא-גגעגענען זיך אין ערגעץ ניט. דער קאמף קומט שוין פאר אחוץ די ווענט פון די אנשטאלטן — שוין אין לעבן גופא.

מ. שאליט.

# פארשיידענע אנדערע אנקעטעס.

חוץ די גענויע אויבן-געבראכטע רעזולטאטן פון די אנקעטעס וועגן כלל-טוער פראפעסיאנאלן און צאל קינדער אין די שולן האט נאך „יעקאפא" אין די יארן 1919—1930 דורכגעפירט א גאנ-צע ריי אנדערע אנקעטעס און פארשונ-גען, וואס האבן איר געדינט אלס יסוד צו איר פארצווייגטער הילף- און אויפ-בוי-טעטיקייט.

מיר וועלן דא דערמאנען די וויכ-טיקסטע פון זיי:

1) געליטענע פון די פאגראמען אין צוזאמענהאנג מיט געבן יורידישע הילף. 2) היזקות פון מלחמה. 3) היימלאזע און רעפאטריאנטן. 4) חרוב-געווארענע פון דער מלחמה הייזער און בנינים. 5) אויפבוי-מעגלעכקייטן און רעקאנ-סטרוקציע. 6) לאנדווירטשאפט (ז. 350). 7) קאאפעראציע. 8) עמיגראציע-ענינים. 9) מעדיציניש - סאניטארער מצב. 10) יתומים-רעגיסטראציעס. 11) מלאכה און פאך-בילדונג. 12) שול-וועזן. 13) בי-בליאטעקן (ז. 343). 14) עקאנאמישע לאגע פון דער יידישער באפעלקערונג אויף דער פראווינץ (ז. 306). 15) גמילות חסדים-קאסעס. 16) דער הונגער אין ווילנער געגנט אין יאר 1929 (ז. 359, 451). 17) באשפייזונג פון שול-קינדער. 18) איינצלנע שטעטלעך, ישובים און פונקטן.

די רעזולטאטן פון א ריי פון די דאזיקע אנקעטעס און פארשונגען זיינען געבראכט אין די באטרעפנדע ארטיקלען פון פנקס.

ר ע ד.




די לערנער פון דער גרויסער ישיבה אין שטעטל מ י ר, ווילנער געגנט.

# צו דער אַנקעטע וועגן לאַנדווירטשאַפט אין יאָר 1919.

ווי ס'איז אָנגעוויזן אויבן (ז. 350) איז שוין אויף דער ערשטער קאָנפערענץ פון „יעקאָפּאָ" אין סעפטעמבער 1919 געלייענט געוואָרן אַ רעפעראַט וועגן דער לאַגע אין די יידישע לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלאָניעס פון ווילנער געגנט און וועגן דער הילף פון „יעקאָפּאָ" פאַר אַ ריי פון זיי.

די אַנקעטע, וואָס איז דאַן דורכגעפירט געוואָרן אויף די ערטער פון באַפולמעכטיקטן פון געגנט-קאָמיטעט, האָט אַרומגענומען 11 יידישע קאָלאָניעס און צוליב דעם אינטערעס פון דער זאַך, ברענגען מיר דאָ פון דעם באַריכט פון דער ערשטער קאָנפערענץ דעם אויסצוג (אַ ביסל פאַרקירצט) וועגן די יידישע לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלאָניעס:

— „י. וואַלק: די פראַגע וועגן די יידישע קאָלאָניעס איז זייער אַ וויכטיקע און זי מוז געגוי באַטראַכט ווערן. די יידישע לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלאָניעס אין ווילנער גובערניע האָבן שוין הינטער זיך אַ געשיכטע פון 80 יאָר און זיי בילדן אַ וויכטיקן פאַקטאָר אין יידישן לעבן. אין אונזער געגנט געפינען זיך 32 יידישע קאָלאָניעס און ישובים, וועלכע האָבן 4.095 דעסיאַטין ערד מיט אַ באַפעלקערונג פון בערך 2.390 נפשות.

אין די יאָרן 1898—1899 האָט יק"אַ זיך פאַראינטערעסירט מיט די קאָלאָניעס. ערשטנס, האָט זי אַהין דעלעגירט אַגראָנאָמען און פאַכלייט, וועלכע האָבן גרינטלעך אויסגעשטודירט די לאַגע אויפן אָרט. צווייטנס, האָט זי זיי געגעבן ממשותדיקע הילף: אויסגעליען גרויסע סכומען געלט אויף צו קויפן דעם נויטיקן אינווענטאַר, סעדער וכדומה. איצט זיינען די קאָלאָניעס אָנגעוויזן אויף דעם געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ".

קודם-כל איז נויטיק צו באַטראַכטן די שוין אויסגעפאָרשטע פאָלגנדע 11 קאָלאָניעס און ישובים:

| קאָלאָניע | געגרינדעט | אין יאָר 1898 משפחות | אין יאָר 1898 נפשות | אין יאָר 1919 משפחות | אין יאָר 1919 נפשות | ערד דעסיאַטין אין יאָר 1898 | ערד דעסיאַטין אין יאָר 1919 |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| גור . . . | 1854 | 10 | 57 | 5 | 30 | 66 | 66 |
| באַריסאָווקע | 1851 | 17 | 103 | 13 | 83 | 122 | 100 |
| דעקשנע | 1847 | 29 | 165 | 40 | 232 | 896 | 800 |
| ליפוני . | 1847 | 25 | 134 | 26 | 93 | 424 | 298 |
| פּאַנאַשיסקי | 1849 | 17 | 158 | 22 | 99 | 418 | 299 |
| לייבישק . | 1854 | 20 | 103 | 17 | 112 | 208 | 180 |
| אַנדריאַלישקי | 1854 | 14 | 69 | 11 | 63 | 139 | 120 |
| יעזעסינאַפאָל | 1853 | 6 | 36 | 4 | 24 | 63 | 108 |
| ביסטריץ . | 1852 | — | — | 23 | 154 | — | 209 |
| מוראַוואַנקע | 1854 | 1 | — | 2 | 16 | 30 | 28 |
| פּיליפּקע . | 1851 | 1 | 6 | 2 | 12 | 70 | 40 |



פון די אויבנדערמאָנטע קאָלאָניעס האָבן די ערשטע 5 שוין באַקומען שטיצע פון געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ", ס'זיינען דאָרט געגרינדעט געוואָרן קאָמיטעטן, וועלכע זיינען פאַראַנטוואָרטלעך און פירן אָן מיט דער אַרבעט.

פאַר דער צייט פון מלחמה האָבן די קאָלאָניסטן איבערגעטראָגן אויף זיך אייניקע גירושים, ווייל ס'איז אַ לענגערע צייט דאָרט געווען דער פראָנט, נאָר ביי דער ערשטער מעגלעכקייט האָבן זיי זיך אומגעקערט צו זייער האָב און גוטס.

פון דער צייט פון גרינדן די קאָלאָניעס ביז 1898—1899 יאָר איז געווען אַ צוואוקס פון דער באַפעלקערונג אין די 11 קאָלאָניעס און ישובים פון 80 משפחות אויף 161, אָדער 979 נפשות. ערד אָבער האָבן זיי אין יאָר 1898—1899 פאַרמאָגט 2.591 דעסיאַטין און אין יאָר 1919 נאָר 2.248, דהיינו מיט 343 ווייניקער, ניט האָבנדיק קיין מעגלעכקייט צו באַאַרבעטן די גאַנצע ערד, זיינען אַנדערע געווען געצוואונגען צו פאַרקויפן שטיקלעך ערד אַרומיקע קריסטן.

די לעצטע צייט, צוליב דער שווערער עקאָנאָמישער לאַגע, האָבן זיך כמעט אין אַלע שטעטלעך פון אונזער געגנט יידן געצויגן צו ערד-אַרבעט. מ'אַרענדירט ערד און מען פאַרזייט מיט קאָרן וכדומה. פיל שטעטלעך פאַרמאָגן צו 50—100 דעסיאַטין ערד, וועלכע געהערן אויסשליסלעך צו יידן. בשעת מען רעדט וועגן פראָדוקטיווער אַרבעט דאַרף מען געדענקען, אַז אין איצטיקן מאָמענט איז די ערד-אַרבעט די וויכטיקסטע פּראָדוקטיווע אַרבעט, אויף וועלכע ס'מוז געלייגט ווערן פיל אויפמערקזאַמקייט.

דערצו איז איצט גראָד אַ פּאַסנדער מאָמענט צו קויפן ערד פאַר ביליקע פּרייזן. „יעקאָפּאָ" דאַרף שטיצן די אַלטע קאָלאָניעס און מוז שאַפן נייע. זי דאַרף אָנהייבן אַ גרויסע אַקציע ביים באַזאָרגן די קליינשטעטלדיקע יידן מיט זריעה און דאַרף לייגן פיל מי, אַז אַ קליינשטעטלדיקער ייד זאָל באַאַרבעטן זיינע אייגענע דעסיאַטינעס ערד, וועלכע ער פאַרמאָגט.

ריידנדיק וועגן די קאָלאָניעס, מוז מען דערמאָנען די ווירטשאַפטלעכע קאָלאָניע „זשוראַוויצי" און די לאַנדווירטשאַפטלעכע שול „וועליטשאַני", וועלכע ליגן לעבן ווילנע און וועלכע האָבן באַשעפטיקט היי-יאָר ביז 140—150 אַרבעטער און תלמידים. ביידע האָבן איין ציל: אויסבילדן אַ יידן, וועלכער זאָל מנחם-מענדלס פרנסות אויסביטן אויף אַנדערע, בעסערע און בכבודיקערע: שאַפן אַ געזונטן ערד-אַרבעטער.



אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע האָט זיך שוין געפילט אַ גרויסער דראַנג פון יידן צו ערד-אַרבעט. די דייטשן האָבן אין דעם זין געהאַט אַ גרויסע השפּעה. די עקאָנאָמישע לאַגע, ווי געזאָגט, האָט דעם דראַנג נאָך מער פאַרשטאַרקט. דאָס איז איינע פון די וויכטיקסטע געזעלשאַפטלעכע אַרבעטן און „יעקאָפּאָ" דאַרף העלפן די קאָלאָניעס און ישובים צו אַנטוויקלען זיך אין אַ גרויסן מאַסשטאַב."—

אויף וויפיל ס'איז געווען מעגלעך האָט „יעקאָפּאָ" געשטיצט די יידישע קאָלאָניעס, ווי אויך דעם לאַנדווירטשאַפטלעכן קאָאָפּעראַטיוו „זשוראַוויצי" און די לאַנדווירטשאַפטלעכע שול און קאָלאָניע „וועליטשאַני". וועגן דעם איז שוין גערעדט געוואָרן גענויער אויף ז. 350—351. „זשוראַוויצי" האָט ניט לאַנג אויסגעהאַלטן. „וועליטשאַני" האָט עקסיסטירט לענגער, אָבער האָט זיך אויך געמוזט פאַרמאַכן, דער עיקר צוליב אויסערלעכע און אומאָפּהענגיקע סיבות.

די הילף פאַר די יידישע קאָלאָניעס האָט „יעקאָפּאָ" געגעבן אין משך פון די ערשטע יאָרן. שפּעטער, נאָך דער דיפערענצירונג פון דער „יעקאָפּאָ"-טעטיקייט, איז די לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעט אַריבער צו „אָרט", אָבער ניט אויף לאַנג און אין די לעצטע יאָרן האָט אויף דעם געביט אין ווילנער געגנט שוין געאַרבעט נאָר יק"אַ, וועלכער פירט איר טעטיקייט דורך אַגראָנאָמען (וועלכע האָבן באַזוכט אויך „יעקאָפּאָ") און פון יאָר 1927 ביז אויף היינטיקן טאָג (1931) גיט זי אַרויס הלוואות מיט געלט און אין נאַטור די קאָלאָניסטן דורך די קאָאָפּעראַטיווע פאָלקסבענק לויט אַ פאַרשטענדיקונג מיט דער צענטראַלער קאָאָפּעראַטיווער פאָלקסבאַנק אין ווילנע. דער אַריינגעלייגטער קאַפּיטאַל באַטרעפט בערך 30 טויזנט דאָלאַר.

קיין גרעסערע זאַכן זיינען ניט אויפגעטאָן געוואָרן. ס'האָט זיך אפילו געגרינדעט אין ווילנע אַ געזעלשאַפט „טאָר" („ווילטאָר") פאַר קויפן ערד און אַנטוויקלען לאַנדווירטשאַפט צווישן יידן, האָט אָבער קיין טעטיקייט ניט אַרויסגעוויזן.

ר ע ד.

# ביאָגראַפישער לעקסיקאָן

אין דער דאָזיקער אָפּטיילונג פון פּנקס גייען אַריין ביאָגראַפיעס פון אַ טייל טוער און מיטאַרבעטער, וואָס האָבן זיך דירעקט אָדער אומדירעקט באַטייליקט אָדער מיטגעהאָלפן אין דער אַרבעט פון געגנט־קאָמיטעט „יעקאָפּאָ“ אין ווילנע.

ס'זיינען אויך געבראַכט געוואָרן די ביאָגראַפיעס פון אַ ריי טוער אין אָרגאַניזאַציעס און געזעלשאַפטן, מיט וועלכע „יעקאָפּאָ“ האָט דורך אירע פאַרטרעטער מיטגעאַרבעט ביי אַלגעמיינע ענינים פון הילף און אויפבוי אין צענטראַלן מאַסשטאַב.

ס'איז געווען ניט מעגלעך צו באַקומען דעם מאַטעריאַל ביי אַלע באַטרעפנדע טוער, ווייל זיי זיינען צעשפּרייט איבער פאַרשיידענע לענדער און ס'האָט זיך ניט איינגעגעבן צו קומען מיט אַלע פון זיי אין אַ פאַרבינדונג.

ס'איז אויך ניט געווען מעגלעך צוליב פאַרשיידענע סיבות אָפּצוהיטן אומעטום די געהעריקע פּראָפּאָרציע. אָבער אויב די ידיעות און פאַקטן האָבן כאַראַקטעריזירט אויך די עפּאָכע אָדער די געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען, איז דער מאַטעריאַל בפילא אַרויסגעקומען גרעסער. די אויטאָביאָגראַפיעס זיינען אויסגעטיילט באַזונדער און פאַרנעמען פאַרהעלטניסמעסיק מער אָרט.

דער מאַטעריאַל, וואָס ווערט געבראַכט אין דער אָפּטיילונג, איז אַלנפאַלס דער ערשטער, טיילווייזער, פּרוּוו און געוויסער צושטייער צו אַ לעקסיקאָן פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט.

דער מאַטעריאַל איז אויטענטיש. אויף יידיש.

רעד.

**אַבאָוויטש** מאיר בן ישעי, רב. געבאָרן אחרון של פסח תרל"ה אין שטעטל שניאַדאָווע לאָמזשער קרייז. אין יאָר תרס"ו אָנגענומען געוואָרן פאַר אַ רב אין שטעטל דעליאַטיטש נאָוואָגרודקער קרייז. אין יאָר תרע"ה איינגעלאַדן געוואָרן אַלס רב אין ליובטש נאָוואָגרודקער קרייז. ווען די שטעטל איז איינגענומען געוואָרן פון די דייטשן (שבת דעם ערשטן טאָג חוה"מ סוכות תרע"ו), נאָכדעם ווי די רוסן האָבן איר פאַרברענט (דער קאַמף אַרום דער שטעטל האָט זיך געצויגן אָנדערטהאַלבן מעת לעת און 12 איינוואוינער זיינען דערהרגעט געוואָרן, אַ סך פאַרוואונדעט), איז ער צוזאַמען מיט דער באַפעלקערונג אוועק צופוס אונטער די קוילן אין אַ דערביי'איקן דאָרף און פון דאָרט איז ער מיט גרויסע שוועריקייטן אָנגעקומען קיין נאָוואָגרודאָק. דאָס גאַנצע האָב און גוטס, אין דעם אויך די ספרים און חבורים, זיינען פאַרברענט געוואָרן. פון זומער תרע"ט פאַרנעמט ער דעם פּאָסטן פון אַ רב אין נאָוואָגרודאָק. אין תרע"ב אָפּגעדרוקט אַ דרוש־ספר „זכרון ישעי“. אין תרפ"ו „מס' שבת ירושלמי עם ביאורי פני מאיר“, אין תרפ"ח „כוכבי אור“ דרושים.

האָט זיך פיל פאַרנומען מיט געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. אויף דער ערשטער קאָנפערענץ פון „יעקאָפּאָ“ אין ווילנע אין יאָר 1919 איז הרב אַבאָוויטש געווען אַ דעלעגאַט און איז אויך אויסגעקליבן געוואָרן אַלס מיטגליד פון פּלענום פון געגנט־קאָמיטעט. ער איז אויך געווען אַ דעלעגאַט אויף דער צווייטער קאָנפערענץ פון „יעקאָפּאָ“ אין יאָר 1921 און איז ווידער אויסגעקליבן געוואָרן אין פּלענום. אין משך פון אַ ריי יאָרן איז ער געשטאַנען אין אַ ענגער פאַרבינדונג מיט „יעקאָפּאָ“ פאַר אַלע ענינים פון הילף און אויפבוי אין נאָוואָגרודקער ראַיאָן.



**אַבראַמאָוויטש** הירש. געבאָרן אין 1881 יאָר אין אַ גוט אין ווילנער גובערניע. ביז 14 יאָר געלערנט אין דער היים ביי ווילנער לערער. דער פאָטער איז געווען



אַ גרויסער ליבהאָבער פון העברעאיש און איינגעפלאַנצט עס ביים זון. צו 15 יאָר האָט ער אוועקגעשיקט דעם זון לערנען קיין ווילנע. דאָרטן האָט ה. אַבראַמאָוויטש זיך פאַרפולקומט אין העברעאישע און יידישע לימודים. צו 17 יאָר אָנגעקומען אין ווילנער לערער־אינסטיטוט, וואו געענדיקט דעם קורס אין 1901 יאָר. צום אָנהויב געהאַט סימפּאַטיעס פאַרן ציוניזם און מיט דעם ציל זיך יעדן זומער פאַרנומען מיט ערד־אַרבעט ביים פאָטער. שפּעטער זיך דורכגעדרונגען מיט דער בונדישער אידעאָלאָגיע.

נאָכן ענדיקן דעם אינסטיטוט באַקומט ער אַ לערער־שטעלע אין אַ רעגירונגס־שול אין מערעטש (טראָקער קרייז). גרינדעט דאָרטן אַ ביבליאָטעק. אָבער אין אַ קורצע צייט אַרום ווערט איבערגעפירט קיין ווילנע. אין ווילנע פירט א. אַ פּראָפּאַגאַנדיסטיש קולטורעלע אַרבעט צווישן אַרבעטער אין גייסט פון מאַרקסיזם.

שפּעטער איז א. לערער אין פּאָוואָלאָגראַד און יעקאַטערינאָסלאַוו, נאָר צוליב זיין



פּאָליטישער טעטיקייט ווערט ער אָפּגעזאָגט פון דער רעגירונגס־שטעלע. א. קומט אָן אויף דעם יורידישן פאַקולטעט אין כאַרקאָווער אוניווערסיטעט. שפּעטער באַזוכט ער העכערע פּעדאַגאָגישע קורסן ביים פּעטערבורגער אוניווערסיטעט און ווערט איינגעלאַדן דורכן פּעטערבורגער צענטראַלן קאָמיטעט פון מפיצי השכלה (אָפּע) פאַר אַ באַפולמעכטיקטן אַנשטאָט דעם באַקאַנטן פּעדאַגאָג חיים פיאַלקאָוו וועלכער איז אוועקגעפאָרן קיין אויסלאַנד. דער געזונטצושטאַנד ערלויבט אָבער ניט אַבראַמאָוויטשן פירן אַ וואַנדער־לעבן פון אַ באַפולמעכטיקטן אינספּעקטאָר און ער פאַרנעמט אַ לערער־שטעלע אין האָמלער פּריוואַטער גימנאַזיע פון ד"ר ראַטנער, וואו ער איז גלייכצייטיק אינספּעקטאָר. אין האָמעל נעמט אַבראַמאָוויטש אַ טיכטיקן אָנטייל אין דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן.

אין 1912 יאָר ווערט אים אָנדגילטיק פאַרווערט דורך דער בילדונגס־מאַכט זיך צו פאַרנעמען מיט פּעדאַגאָגישער אַרבעט צוליב זיין צו בולטער פּראָגרעסיוו־געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, עס ווערן אויסגעזוכט די אַלטע „חטאים“. אַבראַמאָוויטש פאָרט אַריבער קיין ווילנע און באַקומט אַרבעט אין אַ געזעלשאַפטלעכן באַנק, אין וועלכן ער אַרבעט ביז 1915 יאָר, ווען ווילנע ווערט עוואַקואירט. ער ווערט ווידער דאַמאָלסט טעטיק אויפן פּעדאַגאָגישן געביט אַלס מיטגליד פון ווילנער קאָמיטעט פון מפיצי השכלה, וואו העלפט בויען דעם פאָלקס־אוניווערסיטעט (אָנפירער מ. שאַליט) און אַ ריי שולן פון מפיצי השכלה. ער ווערט דאַמאָלסט אויך איינגעלאַדן אַלס דירעקטאָר פון דער באַקאַנטער ווילנער פּראָפעסיאָנעלער שול „הילף דורך אַרבעט“, וואו ער איז טעטיק ביז היינטיקן טאָג. ווען עס גרינדעט זיך אין ווילנע „אָרט“, נעמט אַבראַמאָוויטש אָן אַנטייל אין דער פאַר־

וואַלטונג, ווערט שפּעטער מיטגליד פון אויפזיכטס-ראַט פון ווילנער יידישן טעכניקום. אַבראַמאָוויטש ווערט אויסגעקליבן אַלס דעלעגאַט אויפן ערשטן וואַרשעווער צוזאַמענפאָר פון בילדונגס-טוער און לערער פון יידיש-וועלטלעכע שולן.

ווען אין ווילנע גרינדעט זיך אַ אינטערנאַציאָנאַלע בילדונגס-ביוראָ — גייט אַריין ה. אַבראַמאָוויטש אַלס מיטגליד. אין 1922 יאָר צוזאַמען מיט י. יאַשונסקי און ל. פריינקעל אָרגאַניזירט ער דעם ביאַליסטאָקער צוזאַמענפאָר פון טוער אויפן געביט פון פּראָפעסיאָנעלער בילדונג.

אין משך פון אַ ריי יאָרן איז אַבראַמאָוויטש געווען אַ מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע פון דער שול-אָרגאַניזאַציע פאַר דער ווילנער פּראָווינץ און צ. ב. ק. ער איז אויך מיטגליד פון דער היסטאָריש-עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט א. נ. פון ש. אַנ-סקי.

ה. אַבראַמאָוויטש פאַרנעמט זיך מיט זשורנאַליסטיק און ליטעראַרישער אַרבעט. ער האָט נאָך אָנגעהויבן צו שרייבן אין די רוסישער צייטונגען אין 1902 יאָר („סעווערא-זאַפּאַדנאַיאַ סלאָוואָ"). געשריבן אויך אין פּעטערבורגער „פריינד" (קאָרעספּאָנדענצן), „וואָסכאָד" און אין אַ ריי רוסישע פּראָווינציעלע צייטונגען. פון 1920 יאָר גייט איבער אויסשליסלעך אויף יידיש און פאַרעפנטלעכט אַ גרויסע צאָל פּובליציסטישע, ליטעראַרישע, פּאָליטישע און היסטאָרישע אַרטיקלען אין די ווילנער צייטונגען „טאָג", „צייט", אין זאַמל-ביכער („רינגען", „ווילנער פּנקס", „ווילנער טאָג פאַר אַמעריקע" א. א.), אין די „ליטעראַרישע בלעטער" א. א. אַבראַמאָוויטש איז אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער פון ריגער „פרימאָרגן"—„יידישע שטימע" און „אידישע צייטונג" (בוענאָס-איירעס). ער שרייבט פון צייט צו צייט אויך אין פאַרשיידענע אַנדערע אינלענדישע און אויסלענדישע אויסגאַבן („דרום-אַפריקע", „אַפריקאַנער" א. א.). ער האָט אָנגעשריבן אַ בראָשור וועגן דער געזעלשאַפט „הילף דורך אַרבעט" און צונויפגעשטעלט פּראָגראַמען פאַר פּראָפעסיאָנעלע שולן (יובליי-אויסגאַבע פון „ה. ד. א.") און אַ ריי אַרטיקלען אין ספּעציעל-פּעדאַגאָגישע אויסגאַבן „נייע שול", „פאַר שול און היים" א. א. איז איינינקע יאָר געווען מיטגליד פון פאַרוואַלטונג פון ווילנער יידישן ליטעראַטן- און זשורנאַליסטן-פאַראיין.

אַ. האָט זיך געפונען אין אַ קאָנטאַקט מיט „יעקאָפּאַ" ביי דער פּראָפעסיאָנעלער אויסבילדונג פון די פּראָווינציעלע קינדער, וואָס זיינען געשטיצט געוואָרן דורך דעם קאָמיטעט „יעקאָפּאַ" און זיינען פון אים אָפּגעגעבן געוואָרן אין דער שול „הילף דורך אַרבעט". אַ. איז אַ מיטאַרבעטער פון פּנקס פון „יעקאָפּאַ".

**אונגער** לואי, גענעראַל-דירעקטאָר פון דער „יידישער קאָלאָניזאַציע-געזעלשאַפט" (יק"א). געבוירן אין יאָר 1880 אין אַרלאָן (בעלגיע), וואו זיין פאָטער (אַ געבוירענער אַ לאָטערינגער) האָט אין משך פון 46 יאָר דערפילט די פונקציעס פון אַ שליח-צבור פון דער יידישער קהילה



און האָט באַקומען אַן אויסצייכענונג פון דער בעלגישער רעגירונג. פון דער מוטערס צד איז ל. אונגער אַן איינינקל פון הרב לואי זעליגמאַן, וועלכער איז געווען ראַבינער אין סטאָקהאָלם, איידער ער האָט זיך איינגעאָרדנט אין דרום-דייטשלאַנד, וואו ער איז געווען שטאַרק באַפריינדעט מיטן באַרימטן שרייבער בערטאָלד אויערבאַך. נאָכן פאַרענדיקן דעם אוניווערסיטעט אין גאַנד (גענט), וואו ער האָט באַקומען דעם דיפּלאָם פון דאָקטאָר, פילאָזאָפיע און ליטעראַטור, איז לואי אונגער געקומען קיין פּאַריז, האָט פאַרענדיקט דעם יורידישן פאַקולטעט און האָט איינגיכן פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם פּאָסטן אין אַ וויכטיקער קרעדיט-אַנשטאַלט, וואו ער האָט אָנגעפירט מיט דער אָפּטיילונג פאַר פינאַנץ-שטודיען. אין 1911 אויפגענומען אין דער דירעקציע פון דער „יידישער קאָלאָניזאַציע-געזעלשאַפט", האָט ל. אונגער געמאַכט אַן אינספּעקציע-רייזע איבער אַרגענטינע און בראַזיליע, נאָך וועלכער ער איז באַשטימט געוואָרן אַלס דירעקטאָר פון יק"א. נאָך פאַר דער וועלט-מלחמה האָט ל. אונגער געמאַכט איינינקע רייזעס אין מזרח-איראָפּע, בתוכם אין רוסלאַנד, און האָט אַזוי אַרום נאָכן קריג געקענט זיין באַקאַנטשאַפט מיט די דאָזיקע לענדער אויסנוצן ביי דער אויפבוי-אַרבעט פון דער יק"א אין די געליטענע לענדער פון צענטראַל- און מזרח-איראָפּע. די רעזולטאַטן פון די צאָלרייכע אינספּעקציעס, וועלכע ל. אונגער האָט געמאַכט, ווי אין די יידישע קאָלאָניעס מעבר-לים, אַזוי אויך אין פּוילן, רוסלאַנד און אין גאַנץ מזרח-איראָפּע (קאָלאָניזאַציע, לייַ- און שפּאָר-קאַסעס, פּראָפעסיאָנעלע אויסבילדונג) האָבן געבראַכט דערצו, אַז ל. אונגער האָט אין יאָר 1923 נאָך עמיל מאירסאָנען פאַרנומען דעם פּאָסטן פון גענעראַל-דירעקטאָר פון דער יק"א. צום גרעסטן טייל אַדאַנק זיינע באַמיאונגען זיינען געשאַפן געוואָרן די „דזשוינט-יקאָ-פונדיישן", פון וועלכער ער איז איינער פון די דירעקטאָרן, ווי אויך די עמיגראַציע-פאַראייניקונג „היאַס-יקאָ-עמיגדירעקט". ל. אונגער האָט באַקומען פון דער פראַנצויזישער רעגירונג די אויסצייכענונג פון קאַוואַליער פון „ערן-לעגיאָן".

מיט „יעקאָפּאַ" ספּעציעל געהאַט צו טאָן אין די ענינים פון אויפבויען די חרוב-געוואָרענע פון דער מלחמה הייזער.

**אונגער** עדואַרד, ברודער פון לואי אונגער, איינער פון די דירעקטאָרן פון יק"א. געבוירן אין אַרלאָן אין יאָר 1878. באַקומען זיין העכערע בילדונג אין פּאַריז, וואו ער האָט געענדיקט דעם יורידישן פאַקולטעט און אויך דעם פאַקולטעט פאַר ליטעראַטור. אָנטייל גענומען אין דער דירעקציע פון אַ באַדייטנדן באַנק-הויז. נאָך דער וועלט-מלחמה האָט ע. אונגער געמאַכט אַ ריי אינספּעקציע-רייזעס איבער פּוילן, בעסאַראַביע, טערקיי און אַנדערע מזרח-איראָפּעאישע לענדער, ווי אויך אין קאַנאַדע און אין די פאַראייניקטע שטאַטן. ער האָט אָנגעפירט אין נאָמען פון דער יק"א מיט דעם פאַראייניקטן עוואַקואַציע-קאָמיטעט, וועלכער האָט פאַרגעזעצט, מיט דער הילף פון „אַמעריקען עמערזשענסי קאָמיטעט" און „עמיגדירעקט", די אַרבעט, וואָס איז געווען אונטערגענומען דורך יק"א. וועלכע האָט עוואַקואירט זעלבשטענדיק 20.000 יידישע פליכטלינגע. צוזאַמען מיט די 5.000 פּליטים פונם עוואַקואַציע-קאָמיטעט זיינען אָפּגעשיקט געוואָרן אין אַלע לענדער פון דער וועלט 25.000 יידישע פּליטים, וואָס זיינען אַנטלאָפן צוליב פּאָגראָמען און הונגער פון רוסלאַנד און אוקראַינע און האָבן זיך פאַרהאַלטן אין פּוילן און רומעניע, אָדער וועלכע זיינען צוליב דער אַמעריקאַנער קוואָטע פון יאָר 1923 פאַרבליבן אין די האַפן-שטעט. דער פאַראייניקטער עמיגראַציע-קאָמיטעט האָט אין



משך פון עטלעכע יאָר אַנטגילטיק ליקווידירט דאָס דאָזיקע פּראָבלעם.

ע. אונגער איז דער פאָרטרעטער פון דער יק״א אין דער דירעקציע פון דער עמיגראַציע־פאַראייניקונג „היאָס־יקאָ־עמיגדירעקט“, וועלכע רעגולירט היינטצוטאָג די גאַנצע יידישע עמיגראַציע. ער האָט פאָרטראָטן די יק״אָ אויף די אינטערנאַציאָנאַלע עמיגראַציע־קאָנפערענצן אין רוים אין יאָר 1924 און אין גענף אין יאָר 1920. ע. אונגער האָט באַקומען פון דער פראַנצויזישער רעגירונג די אויסצייכענונג פון קאַוואַליער פון „ערן־לעגיאָן“.

**איוועניצקי** אברהם. וויצע־בירגערמייסטער פון שטאָט זשעטל. געבאָרן אין זשעטל אין יאָר 1892. זיין פאָטער איז געווען פון שטעטלשן יחוס, די מוטער — פון וואַרשע, אַ טאָכטער פון דעם גראָדנער ראש־הישיבה אברהם יהודה הכהן זיימשיק. געלערנט אין חדרים און בתי־מדרשים איז



א. א. אין עלטער פון 12 יאָר אַנגעקומען אין סלאָנימער רוסיש־יידישער קרוין־שול, איבערדרייסנדיק ראַדיקאַל מיטן גאַנצן פרירדיקן לעבנסשטייגער. נאָכן ענדיקן די שול אין יאָר 1909 האָט ער זיך פאַרנומען מיט געבן פּריוואַטע לעקציעס אין סלאָנים. דערנאָך אַפּגעפאָרן קיין וואַרשע, וואו ער איז אַנגעקומען אַלס קאָרעקטאָר אין רוסישן ביכערפאַרלאַג „פּעטשאַטנאַיע סלאָוואָ“. אין יאָר 1911 איז ער אַרויסגעשפּרונגען פון זיין פּאָסטן צוליב אַן אומגעלונגענעם שטרייק פון די זעצער, אין וועלכן ער איז געווען אַנגאַזשירט. ער איז אַוועק קיין אָדעס, וואו ער האָט געאַרבעט ביים דאַמבירן דעם ים־ברעג, דערנאָך פונאַנדערגעטראָגן צייטונגען. צום סוף איז ער אַנגעקומען אַלס אַ קאָרעקטאָר אין דער טעגלעכער צייטונג „יוזשנאַיאַ מיסל“ און שפּעטער אין „אָדעסקי ליסטאָק“, אַן אַלטער בכבודיקער קאָדעטישער אָרגאַן, וואו ער האָט אויך אַנגעהויבן צו דרוקן לידער און פּראָזע. גלייכצייטיק האָט ער זיך באַטייליקט אין דער ליטעראַרישער ביילאַגע צו דער פּעטערבורגער „סאָוורעמענאַיע סלאָוואָ“ א. א. ער האָט אין יענער צייט באַרייזט גאַנץ בעסאַראַביע, קרים, כערסאָנער גובערניע און עס באַשריבן אין זיין צייטונג. ס׳איז אָבער אַנגעקומען די מלחמה. אין יאָר 1914 איז ער מאָביליזירט געוואָרן און אַוועק צום פראָנט. אָפּגעווען בערך אַכט חדשים אויפן פראָנט, אויף דער ערשטער ליניע, איז ער בעת די קאַמפן אַרום בריסק אַריינגעפאַלן אַלס קריגסגעפאַנגענער און אַלס אַזעלכער געאַרבעט אין די לאַגערן פון קראָאַציע—יוגאָסלאַוויע. סוף 1918 זיך צוריקגעקערט קיין זשעטל.

אין יאָר 1921 איז א. געקומען קיין ווילנע, מיטגעאַרבעט אין „ווילנער טאָג“ און גלייכצייטיק זיך געלערנט צאָן־טעכניק. סוף 1923 האָט דער ווילנער ליטעראַטן־פאַראיין אַרויסגעגעבן זיין בוך „ווען די וועגן קרייצן זיך“, טאָגבוך פון אַ יידישן קריגסגעפאַנגענעם. דאָס בוך האָט געפונען אַ הילכיקן און וואַרעמען אָפּקלאַנג אין דער פּרעסע. אין 1924 איז ער אָפּגעפאָרן קיין וואַרשע, וואו ער האָט געאַרבעט אַ יאָר צייט אין ביוראָ פון קרן־היסוד. האָט מיטגעאַרבעט פון צייט צו צייט אין אַלע וואַרשעווער יידישע צייטונגען, געגעבן כראָניק, פאַרעפנטלעכט נאָוועלן, רעצענזיעס (אין דער „נייער פאָלקסצייטונג“), געווען אַ ביכער־אַגענט. אין יאָר 1928 אויסגעוויילט אַלס וויצע־בירגעמייסטער אין זשעטל. מיטאַרבעטער פון פּנקס פון „יעקאָפּאָ“.

**אלטער** לעאָן. געבאָרן אין וויניצע (פּאָדאָליע) אין יאָר 1880. דער פאָטער הערש אַלטער שטאַמט פון מלאווע. נאָכן ענדיקן די מיטלשול און דערנאָך די שול פאַר פּאָליטישע וויסנשאַפטן אין פּאַריז אין יאָר 1905 האָט ל. אַלטער אַנגעהויבן צו אַרבעטן אויפן געביט פון עמיגראַציע אַלס פאַרוואַלטער פון דער וואַרשעווער יידישער אינפאָרמאַציע־ביוראָ פאַר עמיגראַנטן, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן דורך ד״ר גאָלדפלאַם און אַנדערע געזעלשאַפטלעכע טוער און סובסידירט פון יק״אָ. אין דער ביוראָ האָט א. געאַרבעט פון 1905 ביז 1916, ווען די טעטיקייט פון ביוראָ איז איבערגעריסן געוואָרן צוליב די מלחמה־געשעענישן. האָט זיך באַטייליקט אין די עמיגראַציע־קאָנפערענצן און יק״אָ־צוזאַמענפאָרן (ליבאַווע 1908—1909 א. א.).

אויסער דער עמיגראַציע־אַרבעט איז א. געווען טעטיק אַלס לערער פון עקאָנאָמיע, געאָגראַפיע און פראַנצויזיש אין מיטלשולן א. א. ווי אויך אַלס פאַרוואַלטער פון אַרבעטס־פאַרמיטלונגס־ביוראָ, געגרינדעט דורך דער וואַרשעווער יידישער אַרבעטער־געזעלשאַפט פאַר צושטעלן אַרבעט („הילף פאַר אַרבעט“), פון יאָר 1907 ביז 1916. וועגן דער אַרבעט פון פאַרמיטלונגס־ביוראָ און פון דער עמיגראַציע־ביוראָ האָט א. פאַרעפנטלעכט באַריכטן. א. האָט אויך גענומען אַן אַנטייל אין פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן פון די לינקע ריכטונגען און ביי קולטורעלער אַרבעט אין אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, לכתחילה אין דער „פּוילישער קולטור“ (1907—1911), אין וועלכער ער האָט אָנגעפירט מיט דער קולטור־אַרבעט אין דער באַוואוסטער 6־טער אָפּטיילונג, וואָס איז אַרויסגעטראָטן אין קאַמף מיטן פּראָגרעסיוון אַנטיסעמיטיזם, וועלכער איז דאַן ערקלערט געוואָרן דורך שוויענטאָכאָווסקין און וואָס איז אויך געווען די סיבה, צוליב וועלכער די געזעלשאַפט איז חרוב געוואָרן. נאָכן פאַלן פון דער „קולטורא פּאָלסקאַ“ האָט א. זיך באַטייליקט אין דער קולטור־אַרבעט פון דער „וויעדזאַ ראָבאָטניטשאַ“ (1912—1916).

אין אָנהויב 1917 איז א. דורך דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט פאַרשיקט געוואָרן אין געפאַנגענלאַגער האָפּענבערג, וואו ער איז אָפּגעווען אַ יאָר צייט. פאַרן אויסבראָך פון דער רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד, איז ער באַפרייט געוואָרן.

אין יאָר 1919 איז געגרינדעט געוואָרן ביים פּוילישן אַרבעטס־מיניסטעריום אַן עמיגראַציע־סעקציע. א. איז דאַן איינגעלאַדן געוואָרן אין דער דאָזיקער סעקציע אַלס רעפערענט פאַר יידישע עמיגראַציע־ענינים.

אין יאָר 1921 איז א. נאָמינירט געוואָרן אַלס שעף פון דער מעבר־לים־אָפּטיילונג ביים עמיגראַציע־אַמט פון פּוילישן אַרבעטס־מיניסטעריום.

אין יאָר 1923 האָט א. פאַרלאָזן די רעגירונגס־שטעלע און אַנגעהויבן אַרבעטן אין וואַרשעווער „היאָס“, וועלכער האָט שפּעטער איבערגעגעבן די אַרבעט דעם „יעאָס“, וואו א. איז אַ דירעקטאָר ביז אויף היינטיקן טאָג.

א. האָט פאַרעפנטלעכט אַרטיקלען וועגן דער יידישער עמיגראַציע אין פּוילישע אויסגאַבן, צווישן זיי אין „קוואַרטאַלניק“ פון עמיגראַציע־אינסטיטוט (1927) א. א.

**אַנטאָוויל** פייבוש. געבאָרן אין אָדעס אין יאָר 1891. געאַרבעט אין ווילנער האָלץ־מעסאַמט אַלס שרייבער ביי אַ מודד. צוליב דעם גרוש פון די יידן אין קאָוונער גובערניע דעם 5 מאַי 1915 געווען געצוואונגען צו פאַרלאָזן זיין באַשעפטיקונג און איז אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער געזעלשאַפטלעכער הילפס־טעטיקייט. האָט געאַרבעט אין דער עוואַקואַציע־אָפּטיילונג פון ווילנער קאָמיטעט צו העלפן די קרבנות פון מלחמה (1915—1917), אין דער אָפּטיילונג פאַר סאָציאַלע פאַרזאָרגונג און קאָנטראָל־אָפּטיילונג פון דער ווילנער קהילה (1919—1920), אין דער עמיגראַציע־אָפּטיי־

לונג פון „יעקאָפּאָ“ (1922—1925) און אין פּאַלעסטינע-אַמט.

א. האָט געהערט צו דער פּאַרטיי „צעירי-ציון“, וואָס איז געגאַנגען צו די וואַלן אויף אַן אַלגעמיינעם ציוניסטישן צעטל, פון וועלכן ער איז אויסגעקליבן געוואָרן אַלס ראַטמאַן פון דער ווילנער קהילה אין יאָר 1919 און שפּעטער אויך פון ווילנער שטאָטראַט. אין קהילה איז ער געווען אַ מיטגליד פון קאָלעגיע (רעפּרעזענטאַטיווער און אויספיר-אָרגאַן ביזן בילדן פון פּרעזידיום) און שפּעטער אַ געוויסע צייט אַ סעקרעטאַר פון פּרעזידיום. אין „יעקאָפּאָ“ איז ער געווען אַ מיטגליד פון עקזעקוטיווע און איניקע יאָר פאַרוואַלטער פון דער עמיגראַציע-אָפּטיילונג. מיטאַרבעטער פון פנקס פון „יעקאָפּאָ“.

אין יאָר 1925 האָט ער פאַרלאָזן ווילנע און זיך באַזעצט אין ארץ-ישראל. די ערשטע צייט דאָרט געווען באַשעפטיקט אַלס בוי-אַרבעטער. שפּעטער—אַריבער צו געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט אין שליחות פון אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס.

**אַראַנאָוויטשי** נח. געבאָרן אין באַדעסטי (רומעניע) אין יאָר 1895. שטודירט יוריספּרודענץ און פּאָליטישע וויסנשאַפטן. אין די יאָרן 1916—1918 געווען אויף מלחמה.



פון יאָר 1919 אָן, זינט ס'האָט זיך אָנגעהויבן די דזשוינט-אַרבעט, איז ער געווען טעטיק אין דזשוינט צוערשט צוזאַמען מיטן לייטענאַנט בעקער און דאַן מיט אַלכסנדר לאַנדעסקאָ אַלס סעקרעטאַר פון צענטראַל-ביוראָ פאַר רומעניע.

אין יאָר 1921 איז ער געווען דירעקטאָר פון דער היימלאָזע-אָפּטיילונג אין רומעניע אונטער דער אַלגעמיינער אָנפירונג פון ד״ר בערנאַרד כהן, אין וועמענס שליחות וועגן די היימלאָזע-ענינים ער איז אויך געפאָרן קיין בולגאַריע און קאָנסטאַנטינאָפּאָל, ביז וואַנען די אָפּטיילונג איז ניט ליקווידירט געוואָרן אין יאָר 1924.

אין יולי 1924 איז א. געוואָרן גענעראַל-סעקרעטאַר פון דער „פונדיישן“, וועלכן אַמט ער פאַרנעמט ביז אויף היינטיקן טאָג, זייענדיק אויף אַזאַ אופן אין דער אַרבעט פון דזשוינט און שפּעטער „פונדיישן“ 11 יאָר כסדר.

**אַקון** ישראל. געבאָרן אין באָברויסק (מינסקער גוב.) אין יאָר 1877. אין יאָר 1908 געענדיקט אין דייטשלאַנד אַלס אינזשענער און זיך באַזעצט אין פּעטערבורג. פריער זיך פאַרנומען מיט לערעריי. מיט געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט זיך אָנגעהויבן צו פאַרנעמען זייער פרי, פון יאָר 1895. זיין פאָטער שמעון אַקון איז געווען אַ באַקאַנטער כלל-טוער אין שטאָט ב. און נאָך אַלס 7-יאָריקן ייִנגל האָט ער אַריינגעצויגן זיין זון אין קהלשע ענינים. אין פּעטערבורג האָט י. אַקון פיל אויפגעטאָן אויפן געזעלשאַפטלעכן געביט, געווען מיטגרינדער פון דער געזעלשאַפט פאַר יידישע קונסט און מוזיק און נאָענטער טוער אין דער „חברה מפיצי השכלה“, טעאַטער-געזעלשאַפט און פיל אַנדערע. פּאָליטיש האָט ער געהערט צום „בונד“ און נאָך דער רוסישער רעוואָלוציע איז ער אויסגעוויילט געוואָרן אַלס ראַטמאַן פון דער ערשטער דעמאָקראַטישער קהילה אין פּעטערבורג און אַלס גלאַסני פון פּעטערבורגער שטאָטראַט. אין 1917 איז ער צוריק געקומען קיין באָברויסק, וואו ער איז אויסגעוויילט געוואָרן אַלס וויצע-גאָלאָוואַ. ער איז אויך געווען פאַרוואַלטער פון דער עלעקטרישער און וואַלד-אָפּטיילונג פון באָברויסקער מאַגיסטראַט.

אין 1918 האָט זיך א. באַזעצט אין ווילנע, וואו ער האָט פון מאי 1919 ביז סעפּטעמבער 1924 אַנטוויקלט אַ באַדייטנדע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט און וואו לויט זיין איניציאַטיוו און נאָענטסטער מיטאַרבעט זיינען געגרינדעט און געבויט געוואָרן אַ ריי וויכטיקע נייע אינסטיטוציעס, ווי די פּראָדוציר-קאָאָפּעראַטיוון און טעכניקום (עקסיסטירן ביז אויף היינטיקן טאָג), קאָאָפּעראַטיווע און עקאָנאָמישע קורסן, אַרבעטער-אוידיטאָריע א. א., געווען אַ טעטיקער מיטגליד פון קאָמיטעט „אָרט“, וואַרשטאַטן פון „אָרט“ און צענטראַלן בילדונגס-קאָמיטעט (צ. ב. ק.). האָט מיטגעאַרבעט אין בונדישע צייטונגען, אַרויסגעגעבן צוויי בראָשורן וועגן די פּראָדוציר-קאָאָפּעראַטיוון (ווילנע, 1920) און איבערגעזעצט פון דייטש ד״ר ל. גרעצ'ס „עלעקטריע און איר פּראַקטישע אויסנוצונג, אַ בוך צום לערנען און לייענען“ (ווילנע, 1921, אַרויסגעגעבן פון ווילנער געגנט-קאָמיטעט „אָרט“).

אין די פּראָדוציר-קאָאָפּעראַטיוון איז ער געווען הויפּט-פאַרוואַלטער און אין טעכניקום—דירעקטאָר. אין די קאָאָפּעראַטיווע און עקאָנאָמישע קורסן (פון „יעקאָפּאָ“)—פאַרוואַלטער; געשטאַנען אין נאָענטערן קאָנטאַקט מיט „יעקאָפּאָ“ וועגן פאַרשיידענע אינסטיטוציעס, וואָס „יעקאָפּאָ“ האָט סובסידירט; זיין פרוי מ. א. אַקון איז געווען מיטפאַרוואַלטערין פון די פּרעבל-קורסן, וואָס זיינען סובסידירט געוואָרן פון „יעקאָפּאָ“ (ז. אויבן ז. 340—341), שפּעטער—פאַרוואַלטערין פון דער קינדער-ביבליאָטעק ביים צ. ב. ק. אין ווילנע.

אין יאָר 1924 האָט ער צוליב פּרינציפּיעלע סכסוכים מיט די טוער פון „אָרט“ פאַרלאָזן די אַרבעט אין ווילנע. ער איז אָפּגעפאָרן קיין אַרגענטינע, פון דאָרט אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון צפון-אַמעריקע, קיין קאַנאַדע א. א.

**באַגען** באָריס, ד״ר. געבאָרן אין יאָר 1869 אין דער באַוואוסטער יחוסדיקער פאַמיליע קאַצענעלנבויגן, אין ליטע. זיין פאָטער דוד קאַצענעלנבויגן האָט אין די יונגע יאָרן געלעבט אין יאַנישעק, קאָוונער גוב. און האָט זיך אָנהויב די 70-ער יאָרן אַריבערגעקליבן קיין מאָסקווע מיט זיין קליינעם זון ברוך (באָריס). סוף 80-ער יאָרן



איז ב. ב. אָנגעקומען אַלס סטודענט אין דער העכערער קונסט-אינדוסטריע-שול פון סטראָגאַנאָוו אין מאָסקווע. אָבער דער גירוש פון די מאָסקווער יידן אין יאָר 1891—1892 האָט אויך געטראָפן די פאַמיליע קאַצענעלנבויגן, וועלכע איז אַרויסגעשיקט געוואָרן פון מאָסקווע. דוד קאַצענעלנבויגן האָט זיך אומגעקערט אין זיין געבורטסשטאָט יאַנישעק און זיין זון באָריס האָט אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע.

אין אַמעריקע איז ב. אַריין אין דער דאָרטיקער רוסיש-יידישער קאָלאָניע, האָט געשיקט קאָרעספּאָנדענציעס אין „וואָסכאָד“ און איז בכלל געווען אַ צענטראַלע פיגור אין דער אָנגערופענער קאָלאָניע. אַרבעטנדיק צווישן די יידישע מאַסן האָט ער זיך אויסגעלערנט יידיש אין אַמעריקע, האָט געהערט צו די ראַדיקאַלע און סאָציאַליסטישע גרופּן, איז אָבער אין אַ פּאַרטיי ניט אַריין, ווייל פּאָליטיק האָט אים ניט איבעריקנס אינטערעסירט. ער איז אָנגעקומען אין ניו-יאָרקער אוניווערסיטעט פאַרצוזעצן זיין שטודיע אין פּעדאַגאָגיק, צו וועלכער ער האָט געהאַט אַ באַזונדערע נייגונג און

מיט וועלכער ער האָט זיך נאָך פאַרנומען אין מאָסקווע. ב. האָט דעם אוניווערסיטעט געענדיקט אַלס ד״ר פילאָזאָפיע. ער איז איינגעלאַדן געוואָרן פאַר אַ לערער אין דער באַוואוסטער לאַנדווירטשאַפטלעכער שול פון באַראָן הירש אין וואודביין, ניו-דזשוירזי, וואו ער איז שפעטער אויך געוואָרן דער הויפטפאַרוואַלטער. ב. האָט אָנגעפירט אַ קאַמף, אַז וואודביין זאָל באַקומען דאָס רעכט פון אַ שטאָט און האָט דעם קאַמף געוואונען. דאָס האָט אים זייער פאָפולער געמאַכט אין די געזעלשאַפטלעכע און פילאַנטראָפישע קרייזן פון אַמעריקע און אין יאָר 1904 איז ער איינגעלאַדן געוואָרן קיין סינסינאַטי אַלס הויפטפאַרוואַלטער פון די פאַראייניקטע יידישע צדקה-אַנשטאַלטן. מיט דער דאָזיקער טעטיקייט האָט ער זיך פאַרנומען ביזן יאָר 1917, ווען ער איז געוואָרן דער גענעראַל-דירעקטאָר פון אַמעריקאַנער דזשוינט דיסטריבושן קאָמיטעט (ד. ד. ק.) אויף אייראָפע און איז אין יאָר 1919 געשיקט געוואָרן קיין פוילן און רוסלאַנד אָנצופירן מיט דער הילפס-אַרבעט צווישן די יידישע מלחמה-קרבנות. אויף דעם אָנגערופענעם פאָסטן האָט ב. אַנטוויקלט אין פוילן אַ קאָלאָסאַלע טעטיקייט אין די שווערסטע יאָרן (1919—1922), וועלכע ווערט פאַרבלייבן אויף אייביק אין דער געשיכטע אַלס גרויסע רעטונגס-אַקציע, וואָס האָט ממש אַרויסגעריסן פון טויט און הונגער הונדערטער טויזנטער יידישע נפשות, קינדער, יתומים און אלמנות און האָט געהאָלפן שטעלן זיך אויף די פיס צענדליקער טויזנטער מענטשן. ב. האָט אין די ענינים פון הילף אַרומגערייזט גאַנץ אייראָפע. אין פוילן איז ער געקומען מיט אַן אייגענעם שטאַב דזשוינט-פאַרטרעטער פון אַמעריקע אין מיליטערישע קליידער, האָט אָרגאַניזירט דאָס צענטראַל-ביוראָ אין וואַרשע און האָט פונאַנדערגעשיקט די פאַרטרעטער אין פאַרשיידענע טיילן פון פוילן צו אָרגאַניזירן און אָנפירן מיט די אָרטיקע ביוראָען. אין ווילנער געגנט איז דאָס געווען איבעריק, ווייל ס׳האָט שוין עקסיסטירט און אַנטוויקלט אַ אינטענסיווע טעטיקייט דער קאָמיטעט „יעקאָפאָ" אין ווילנע און די אַרבעט איז אים אָנפאַרטרויט געוואָרן. ב. האָט אויך פערזענלעך באַזוכט דעם קאָמיטעט „יעקאָפאָ" אין ווילנע און איז געווען גענוי באַקאַנט מיט זיין טעטיקייט. די פאַרטרעטער פון „יעקאָפאָ" זיינען אין משך פון יאָרן געשטאַנען מיט ב׳ אין אַ לעבעדיקן קאָנטאַקט וועגן אַלע ענינים פון דער אַרבעט. נאָכן אָפשטעלן די אַזוי-גערופענע פילאַנטראָפישע טעטיקייט פון דזשוינט אין יאָר 1922—1923 און איבערבויען איר אויף אַ קאָנסטרוקטיווע איז ב. אָפגערופן געוואָרן פון אייראָפע. קומענדיק צוריק קיין אַמעריקע, איז ב. געוואָרן דער דירעקטאָר פון די פאַראייניקטע יידישע צדקה-אַנשטאַלטן אין לאָס אַנדזשעלעס. אין 1925 איז ער געוואָרן דער אינטערנאַציאָנאַלער סעקרעטאַר פון דעם אומאָפהענגיקן אָרדען „בני ברית" מיט דער הויפטקוואַרטיר אין לאָס אַנזשעלעס. אין יאָר 1926 האָט ב. באַקומען אַ דאָקטאָר-דיפלאָם פון יוניאָן קאָלעדזש אין סינסינאַטי אַלס אָנערקענונג פאַר זיין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט און לעקציעס איבער סאָציאַלע פראַגן. ב. האָט אויך אַרויסגעגעבן אייניקע ביכער וועגן סאָציאַלער הילף און אַ ווערק וועגן דער טעטיקייט פון די פילאַנטראָפישע אינסטיטוציעס אין אַמעריקע.

די טאָכטער פון ב.—י. באָגען-שאַהאַן — האָט זיך אויך באַטייליקט אין דער הילפס-טעטיקייט פון דזשוינט אין פוילן אונטער דער אָנפירונג פון איר פאָטער צוזאַמען מיט איר מאַן א. שאַהאַן, וועלכער איז געווען דירעקטאָר פון דער היימלאָזע-אָפטיילונג און דערנאָך פון דער אָפטיילונג פאַר קינדער-פאַרזאָרגונג ביז דער גרינדונג פון יתומים-פאַרבאַנד אין וואַרשע אין יאָר 1923 (ווען ער האָט זיך אומגעקערט קיין אַמעריקע) און האָט אויף דעם געביט זייער פיל אויפגעטאָן.

ד״ר ב. באָגען איז געווען אַ כלל-טוער פון אַ גרויסן שניט און אַ זעלטן-גוטער און קלוגער מענטש מיט אַ באַזונדערס האַרציקן און ליבן שמייכל. ער איז געשטאָרבן פלוצלונג אין אַרקאַדיאַ (לאָס אַנדזשעלעס), קאַליפאָרניאַ, זונטאָג אין דער נאַכט אויף מאָנטאָג דעם 1 יולי 1929.

**בענדזשאַמין** אַהרון. געבאָרן אין אַלט-ביכאָוו (מאָהילעווער גוב.) אין יאָר



1869, ביי בעלי-בתישע עלטערן, אַלס איינער פון 16 קינדער. צו 9 יאָר איז ער געקומען קיין קיעוו. ביז 13 יאָר געלערנט אין חדר, דערנאָך האָט מען אים אָפגעגעבן אין אַ געשעפט. צו 17 יאָר איז ער אַוועק קיין אַמעריקע קעגן דעם ווילן פון זיינע עלטערן און אָן זייער וויסן.

אין אַמעריקע אַריינגעפאַלן אין אַ שאַפ און געאַרבעט צוועלף שעה אַ טאָג פאַר דריי דאָלאַר אַ וואָך. אין די ערשטע צען יאָר האָט ער שווער געאַרבעט. אָנגעהויבן אַ געשעפט פון פאַרטיקע קליידער און איז דורכגעפאַלן. געוואָרן אַ פאַרזיכערונגס-אַגענט. צו דרייסיק יאָר האָט ער באַשלאָסן צו שטודירן יוריספרודענץ, ניט אויפגעבנדיק זיין באַשעפטיקונג אַלס פאַרזיכערונגס-אַגענט. צו 34 יאָר האָט ער פאַרענדיקט זיין שטודיע און איז געוואָרן אַן אַדוואָקאַט אין ניו-יאָרק און זינט דאַן באַשעפטיקט ער זיך מיט דער דאָזיקער פראָפעסיע.

אויפן געזעלשאַפטלעכן געביט האָט ער באַזונדערס פיל און טעטיק געאַרבעט אין אַמעריקאַנער „היאַס". אין שליחות פון וועלכן ער איז אין יאָר 1929 געקומען קיין אייראָפע אַלס דירעקטאָר פון „היאַס" אין „היקעם" („היאַס - יק״א - עמיגדירעקט") אין פאַריז אַנשטאָט דעם ד״ר דזשעמס בערנשטיין, וועלכער איז צוריק אָפגעפאָרן קיין אַמעריקע. האָט אין עמיגראַציע-ענינים באַזוכט אַ ריי לענדער, צווישן זיי אייניקע מאָל פוילן. איז אויך געווען אין ווילנע און זיך באַקאַנט גענויער מיט דער טעטיקייט פון דער עמיגראַציע-אָפטיילונג פון „יעאָס" ביי „יעקאָפאָ".

**בערנשטיין** ישראל. געבאָרן אין יאָר 1884 אין שטעטל קאָלנע (לאָמזשער גוב.).



זיין עלטער-זיידע, זיידע און פאָטער זיינען געווען כלל-טוער (דאָזאָרעס).

צו 16 יאָר איז ב. געפאָרן קיין ביאַליסטאָק אָנקוקן אַ וועבעריי, וואָס זיינס אַ קוזין הערשבערג (אַ פלימעניק פון דעם באַקאַנטן אברהם שמואל הערשבערג) האָט דאָרט פאַרמאָגט. געוואָלט האָט ער ווערן וועבערמייסטער, און געוואָרן — וועבער און בונדיסט.

צו 19 יאָר איז ער אָפגעפאָרן קיין אַמעריקע, וואו ער איז געבליבן פון 1905 ביז 1920. אין ניו-יאָרק האָט ער געטאָן פאַרשיידענע מלאכות; ביי קיין שום מלאכה זיך אָבער ניט איינגעבירגערט. אין די אָוונטן זיך געעסקנט מיט פאַרטיי-ענינים (סאָציאַליסטישע פאַרטיי, אַרבעטער-רינג א. א.), דעם ברענטש פון „אַרבעטער רינג".

וואו ער איז אַ מיטגליד, האָט ער געגרינדעט אויך אַ רעליעף־אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט תיכף נאָך דער מלחמה אַריינגעשיקט אין דעם קליינעם שטעטל ביטען (נעבן סלאָנים) מער פון 35 טויזנט דאָלאַר, וואָס ער האָט אין יאָר 1920 אָהינגעפירט און צעטיילט.

פון יאַנואַר 1921 אָן איז ער פאַרבונדן מיטן „היאַס“ אין אייראָפּע. די ערשטע צייט אין וואַרשע אַלס פאַרוואַלטער פון די „היאַס“־אָפּטיילונגען אין דער פּוילישער פּראָווינץ. צו דערזעלביקער צייט זיך אויך פאַרנומען מיט געבן אינפאָרמאַציעס עמיגראַנטן.

אין אויגוסט 1921 איז ער באַשטימט געוואָרן אַלס דירעקטאָר פון „היאַס“ אין לעמבערג, וואו ער האָט אָנגעפירט מיט דער יידישער עמיגראַציע־אַרבעט און מיט אויסצאָלן די איבערווייזונגען פון אַמעריקע פאַר דער יידישער באַפעלקערונג אין גאַליציע אין משך פון 10 חדשים צייט. אינמיטן 1922 איז ער געשיקט געוואָרן קיין בוקאַרעשט, וואו ער האָט אין משך פון 18 חדשים פאַרוואַלטעט מיט דער „היאַס“־טעטיקייט אין רומעניע. אָנהויב 1924 האָט ער זיך אומגעקערט קיין וואַרשע, וואו ער האָט איבערגענומען די פאַרוואַלטונג פון די געלט־איבערווייזונגען ביז די „היאַס“־צענטראַלע איז אַריבערגעטראָגן געוואָרן קיין בערלין (1926), וואו ער פאַרוואַלטעט מיט דער אַרבעט ביזן היינטיקן טאָג (מערץ 1930) [אין 1930 איז פּראָיעקטירט די אַרבעט ווידעה אַריבערצוטראָגן קיין וואַרשע מיט ב. בראש]. פאַר דער צייט, וואָס ער האָט זיך פאַרנומען מיט דער דאָזיקער טעטיקייט האָט ער אין פאַרשיידענסטע לענדער און שטעט געהאַט צו טאָן מיט צענדליקער טויזנטער נפשות (מייסטנס רוסישע פּליטים) און אויסגעצאָלט מער פון 20 מיליאָן דאָלאַר. ב. איז אַן עקזעקוטיוו־מיטגליד פון „עמיגדירעקט“ און אַ ראַט־מיטגליד פון „היקעם“.

**ברוק** חיים. געבאָרן אין ליובטש אין יאָר 1893. געלערנט אין חדרים און ישיבות, באַקומען סמיכה אויף רבנות. אין יאָר 1913 זיך גענומען צו וועלטלעכער בילדונג און אָפּגעפאָרן קיין פראַנקפורט אַם מיין, וואו ער האָט זיך געגרייט צו אַ דאָרטיקער הויך־שול. ביים אויסברוך פון מלחמה האָט ער געמוזט פאַרלאָזן דייטשלאַנד און זיך צוריקגעקערט קיין רוסלאַנד, וואו ער איז אַריינגעטראָטן אין הילפסקאָמיטעט פאַר די מלחמה־געליטענע אין מינסק. ווען סוף 1915 האָבן די דייטשן פאַרנומען די ליובטשער געגנט, האָט ער געאַרבעט אין הילפסקאָמיטעט אין וועסעליוב. אין יאָר 1917, ווען מען האָט זיך צוריקגעקערט אין דער חרוב־געוואָרענער שטעטל, האָט ער אָרגאַניזירט דעם הילפסקאָמיטעט אין ליובטש און האָט שפּעטער אויך אָנגעפירט מיט די איבעריקע געזעלשאַפטלעכע ענינים אין שטעטל, ווי די קאָאָפּ. פאָלקס־באַנק, פאָלקסשול א. א.

אין די יאָרן 1928—1930 געוויילטער פאָרזיצער פון דער ליובטשער קהילה מיט די שטעטלעך ליובטש, קאָרעליטש, דעליאַטיטש און נעגנעוויטש און איינציקער יידישער פאַרשטייער אין דעם ראַט פון דער גמינע. געווען דעלעגאַט אויף די קאָנפערענצן פון „יעקאָפּאַ“ און מיטגליד פון פּלענום.

**בריאַנסקי** יצחק. געבאָרן אין לאָדז אין יאָר 1892. געענדיקט אוניווערסיטעט אַלס יוריסט. געווען אויף מלחמה ביז סוף 1918. אין פעברואַר 1919 אָנגעהויבן צו אַרבעטן אין יידישן נאַציאָנאַל־ראַט אין וואַרשע (אונטער דער אָנפירונג פון י. גרינבוים) און דורכגעפירט אַ ריי אינטערווענצן ביי דער מאַכט וועגן פּאָגראָמען, עקסצעסן, היימלאָזע, „פרעמדע“ א. אַז. וו. לויט זיין איניציאַטיוו איז געגרינדעט געוואָרן די עמיגראַציע־סעקציע ביים נאַציאָנאַל־ראַט, פון וועלכער ער איז געווען פאַרוואַלטער אין די יאָרן 1921—1923, ביז דער ליקווידירונג פון דער סעקציע צוליב דערליידיקן די פראַגע פון די רוסישע היימלאָזע אין פּוילן. געווען סיים־קאַנדידאַט (אומפּאַרטייאישער) אין ביעלסק אין יאָר 1919 און 1922. געווען דער פאַרטרעטער פון נאַציאָנאַל־ראַט אין פאַראייניקטן קאָמיטעט ביים גרינדן די יידישע צענטראַלע עמיגראַציע־געזעלשאַפט („יעאַס“) אין פּוילן.

פון יאָר 1925 איז ב. יוריסקאָנסולט פון פאַרבאַנד פון די צענטראַלעס פאַר יתומים־פאַרזאָרגונג אין פּוילן.

**גאָלאָמב** יהודא ליב. געבאָרן אין די זעכציקער יאָרן פון פאָריקן י. ה. אין מיישעגאָלע. פון פיר יאָר אָן געוואַקסן ווי אַ יתום ביי קרובים. געלערנט אין ווילנער ישיבות און פאַר זיך אין „חברה פועלים“, געשמט יינגלווייז אין שטעטל פאַר אַ בדחן אויף אָרעמע חתונות, איז אים די נטיה צו שרייבן געבליבן אויף שטענדיק, הגם דרוקן האָט ער נאָר געדרוקט עטלעכע קאָרעספּאָנדענציעס אין אַמאָליקן „המליץ“. אָנגעקומען פאַר אַן איידעם אין אַ משפחה פון שוחטים אין ווילנע און אין אַ סך שטעטלעך פון ווילנער געגנט [די דאָזיקע שוחטישע משפחה פירט איר יחוס פון אַ ווילנער שטאָט־שוחט ר׳ יאַנקעלע סוועציאַנער און האָט באַזאָרגט מיט אַ שוחט אַזש האַמבורג], איז ער אויך געוואָרן אַ שוחט אין אַ קליין שטעטל סטראַוועניק (טראָקער קרייז, היינט ליטע).

האָבנדיק גענוג פרייע צייט, האָט זיך דער פרומער שוחט פאַרנומען מיט צוויי זאַכן: מאכל כשר פאַר די יידישע זעלנער פון גאַנץ גרויסן גאַרניזאָן אין שטעטל און מיט — פאַרשפּרייטן השכלה.

דאָס קליין שטעטל האָט ניט געקאָנט אויסהאַלטן אַזוי פיל יידישע זעלנער. פלעגט ג. צופוס אַרומגיין איבער די שכנישע שטעטלעך זאַמלען מיטלען, באַזאָרגן „שבתים און יום־טובים“. דאָס באַפרייען די יידישע זעלנער פון קאַזאַרמע האָט אים דערנענטערט צו די אָפיצערן פון פּאָלק. פאַר די זעלנער איז ער געווען אַ שתדלן און אַ פריינד. אַ גוטמוטיקער, פריינדלעכער און לוסטיקער — איז זיין שטוב געוואָרן די צווייטע היים פון די יידישע זעלנער און אַ סך דראַמאַטישע מאָמענטן פון יידישן זעלנער־לעבן זיינען פאַרבליבן אין דער טראַדיציע פון ג—ס פאַמיליע.

אָבער אויך די אָפיצירן און די רוסישע באַפעלקערונג פון שטעטל, וואָס איז געווען באַרימט מיט אירע רויבער האָבן פאַרן



„שוחט“ געהאַט דרך־ארץ. ניט איינמאָל האָט מען אים באַגעגנט ביינאַכט אין די וועלדער, אָבער דעם „שוחט“ פלעגט מען ניט רירן.

די „השכלה“ איז באַשטאַנען אין „המליץ“ און אין חובבי־ציון, אין אַ קאָרעספּאָנדענץ מיט ווילנער און פּעטערבורגער געזעלשאַפטלעכע טוער.

אין 1898 אַריבערגעפאָרן צוריק אין מיישעגאָלע. געוואָרן אַ קרעמער — דערעסן די קהלשע פרנסה. אָפּגעגעבן זיך דעם יונגן דאַן ציוניזם און די שטעטלשע אָנגעלעגנהייטן, אויסמיידנדיק תמיד גבאות אָדער געצאָלטע אמטן.

פון 1909 ביז די מלחמה־יאָרן געווען באַפולמעכטיקטער פון יק״א פאַר עמיגראַציע־ענינים. אין מאַי 1913 נעמט ג. אָנטייל אין דער עמיגראַציע־קאָנפערענץ אין ווילנע, אָרגאַניזירט דורך יק״א. אַ אינטענסיווערע טעטיקייט הויבט ג. אָן אין דער צייט פון מלחמה, ווען דורך זיין שטעטל גייט דורך דער „גירוש קאָוונע“ און שפּעטער אין דער צייט פון דער אָקופּאַציע. ג. איז דער ערשטער פאָרזיצער פון דער געוויילטער קהילה אין מיישעגאָלע. ווי אַזאַ איז ער אויך געווען

ארעסטירט דורך די דייטשן. געווען דעלעגאט אויף דער ערשטער גענגנס-קאנפערענץ פון קאמיטעט „יעקאפא“ אין ווילנע אין יאר 1919 און איז געשטאנען מיטן קאמיטעט אין זייער א נאענטן קאנטאקט אלס זיין פארטרעטער פאר דער הילפס-ארבעט אין מיישעגאלע. אין הארבסט 1920 פארווירקלעכט ג. זיין אייגענעם ציוניסטישן אידעאל און פארט אריבער קיין פאלעסטינע, וואו ער איז געווען שוחט אין עזה און דערנאך אין גדרה. ג. איז דער פאטער פון א. גאלאמב, פארוואלטער פון יידישן לערער-סעמינאר אין ווילנע.

**גאלדין** אהרון, געבארן אין פינסק אין יאר 1884. זיין פאטער אייזיק-בער גאלדין (ער פלעגט זיך אונטערשרייבן א׳ב׳ג׳) א שטרענגער ליטווישער ייד, למדן וחריף, האט געהאט א נטיה צו השכלה און אין דער ביכער-שאפע האט מען געקאנט טרעפן אין א פארשעמט ווינקל



א שפאר ביסל העברעאישע השכלה-ביכער, אויף די גליונות פון וועלכע מען האט זיך אפטמאל אנגעשטויסן אויף צוגעשריבענע באמערקונגען. א גרויסער ליבהאבער פון תנ״ך. ס׳איז כמעט ניט געווען קיין אויסגאבע פון תנ״ך, וועלכע איז דורך אים ניט געקויפט אדער אבאנירט געווארן. זיין ספר „אותיות מחכימות“, אין וועלכן ס׳זיינען געציילט און געמאסטן דורך פארשיידענע מעטאדן אלע מערקווירדיקע אויסדרוקן און ווערטער, אילוסטרירט די דאזיקע ליבע צום תנ״ך. דיזעלבע ליבע האט ער זיך באמיט איינצופלאנצן אין זיינע קינדער, און צו 9 יאר האט א. ג. שוין געקאנט דעם גאנצן תנ״ך בעל פה, אפנעמענדיק צו 5 קאפיקעס פאר יעדן קאפיטל מיטן אויסנאם פון משלי, פאר וועלכע ער האט באקומען צו 10 קאפיקעס, ווייל ער האט אנגעוויזן, אז מיט משלי גייט דאס צו א ביסל שווערער, מחמת ס׳זיינען דא פיל פסוקים, די ערשטע העלפט פון וועלכע זיינען ענליך און די צווייטע העלפטן זיינען פארשיידענע.

די דערציאונג איז געווען א פרייע (ניט אין רעליגיעזן זין), ווייל די מוטער איז שטענדיק געווען פארנומען מיט איר באלעבאטישקייט און דער פאטער איז תמיד געשעפטלעך ארומגעפארן. 7 קינדער זיינען זיי געווען, 5 ברידער און 2 שוועסטער. איינער פון די עלטערע ברידער (איצט א מעדיצין-דאקטאר אין ניו-יארק, רעדאגירט א העברעאישן מעדיצינישן זשורנאל „רפואה“) איז געווען א גרויסער מתמיד און מיט דער דאזיקער התמדה האט ער א ביסל פארערנסט זייער לעבנס-לוסטיקייט. אויסער די למודי-קדש פריער אין חדר און דערנאך ביי ספעציעלע מלמדים אין די ווינטערדיקע פראסטיקע פארטאגשעהן, האט זיי א לייכטערן אפרו פארשאפט די ביכער-שאפע, וועלכע איז געווען א זאמלונג פון אלערליי ספרים, אנהויבנדיק פון ספרים יקרי המציאות, וועלכע האבן געקאסט אין די שווערע צענדליקער רובלס, און ענדיקנדיק מיט מאפו. און דאן הויבט זיך אן די כאראקטעריסטישע פאר יענער צייט אנטוויקלונג פון דער יידישער יוגנט: השכלה-ביכער, בלאַוושטיינס גראמאטיק — און א עקסטערן אין א גרויסער שטאט, שאפנדיק זיך עקסיסטענץ-מיטלען דורך לעקציעס פון תלמוד און העברעאיש, און באטייליקנדיק זיך אקטיוו אין דער ציוניסטישער באוועגונג דורך עפנטלעכע ארויסטרעטונגען אויף אלגעמיינע און הויפטזעכלעך יוגנט-פארזאמלונגען. ניט האבנדיק די מעגלעכקייט צוליב די באגרענצונגען פאר יידן צו שטודירן, פארט א. ג. לערנען אין ביירוט: אי לערנען, אי זיין נאענט צו א״י.

אומקערנדיק זיך פון דארטן, פארנעמט ער זיך מיט לערעריי, אלס פראפעסיע. זייענדיק לויט דער איבערצייגונג א ציוניסט, איז ער די גאנצע צייט געשטאנען נאענט צום העברעאישן שולוועזן. אנהויבנדיק פון יאר 1908 האט ער פון צייט צו צייט מיטגעארבעט אין דער פראווינציעלער א. א. פרעסע („גוט מארגן“, אדעס; „פאסלעדנ. נאוואסטי“, קיעוו; „פינסקער שטימע“; „פאלעסיער ניים“; „דאס קינד“; „דאס שוצלאזע קינד“, ווארשע).

מיטן אנהויב פון דער וועלט-מלחמה, ווען ס׳ארגאניזירט זיך דער קיעווער יידישער קאמיטעט צו העלפן די קרבנות פון דער מלחמה (קאפע), ווערט ג. איינגעלאדן צווישן די ערשטע באפולמעכטיקטע אויף ארגאניזירן די הילפס-ארבעט. די מאטעריאלן וועגן דער דאזיקער ארבעט זיינען סיסטעמאטיזירט און צונויפגעשטעלט געווארן דורך א קאלעגיע, וועלכער איז באשטאנען פון די ה״ה: נ. גערגעל, ב. סלוצקי, ה. לעווין און אים, אונטער דער אלגעמיינער רעדאקציע פון דאבין (שמעוני). די מאטעריאלן זיינען ניט פובליקירט געווארן. געווען א באפולמעכטיקטער פון דער היסטאריש-עטנאגראפישער געזעלשאפט.

אין יאר 1921 האט ער איבערגענומען די אנפירונג פון ראוונער הילפס-קאמיטעט, וועלכער האט אין יענער צייט געפירט א גרויסע ארבעט לטובת די רעעמיגראנטן און היימלאזע פון רוסלאנד. אין יאר 1923 איז ער אריבער צו דער יתומים-אקציע: פריער אלס פארזיצער פון עקזעקוטיוו פאר יתומים-פארזארגונג אויף וואלין, דערנאך אלס לייטער פון דער פאלעסער צענטראלע און פון יאר 1929 אלס לייטער פון פארבאנד פאר יתומים-פארזארגונג אין פוילן.

**גאלדמאן** אברהם, ד״ר מעד. געבארן אין יאר 1896 אין כעלם (לובלינער געגנט). דער פאטער איז געווען א סוחר, די מוטער האט געשטאמט פון א רבנישער פאמיליע, דער זיידע איז געווען פסקאווער רב (גלייכצייטיק אויך ראבינער) און האט געשפילט א גרויסע ראלע אין שטאט און אומגעגנט.

צוערשט געלערנט אין חדר, דערנאך אנגעקומען אין רעגירונגס-גימנאזיע. גלייכצייטיק אבער האט ער געלערנט ביי א יידישן לערער, וועלכער האט געשטאמט פון ליטע.

נאכן אויסברוך פון דער וועלט-מלחמה איז ער אריבערגעפארן אין פסקאוו און מיט גרויס מי (נאך א פערזענלעכער אוידיענץ ביים בילדונגס-מיניסטער) איז ער אנגעקומען אין פעטערבורגער אוניווערסיטעט און אנגעהויבן שטודירן מעדיצין. בעת זיינע באזוכן אין פסקאוו האט ער צונויפגעזאמלט די צעשפליטערטע האלב אסימילירטע יוגנט און געבילדעט דארט א קרייזל פון יידישער שפראך און ליטעראטור, וועלכער האט געהאט גרויס דערפאלג און צוגעצויגן א סך מיטגלידער. האט אויך פיל מיטגעהאלפן צו דער רעארגאניזירונג פון דער פסקאווער קהילה אויף דעמאקראטישע יסודות.

בעתן אויסברוך פון דער פעווראל-רעוואלוציע אין יאר 1917 איז ג. געווען אין פעטערבורג און גענומען אן אקטיוון אנטייל אין דער ארבעט, זייענדיק אין נאענטן קאנטאקט מיט די מיטגלידער פון דער נייער רעגירונג.

אין א קורצער צייט ארום האט ער זיך איבערגעקליבן אין ווילנער קאנט און אנגעהויבן ארבעטן פאר דער יידישער וועלטלעכער שול און קולטור. אין יאר 1919 האט ער לויטן אויפטראג פון גענגנט קאמיטעט „יעקאפא“ געגרינדעט א יידישע שול אין פאדבראדז. שוין פון די ערשטע חדשים פון זיין שול-ארבעט האט ער געשטרעבט צו שאפן אן ארגאניזאציע, וועלכע זאל פאראייניטלעכן די שול-ארבעט און פארבינדן צווישן זיך די לערער פון דער ווילנער פראווינץ. ער האט גענומען

אויף זיך די איניציאַטיוו צו גרינדן אַזאַ אָרגאַניזאַציע און צוזאַמען מיט די לערער ש. באַסטאָמסקי און מ. שור איז דורכגעפירט געוואָרן די פאַרבערייטונגס-אַרבעט.

אַן אַלגעמיינע קאָנפערענץ פון אַלע פּראָווינץ-לערער איז צונויפגערופן געוואָרן דורך „יעקאָפּאָ" אין יאָר 1921. דאַן איז פאָרגעקומען אַ שפּאַלטונג צווישן די יידישיסטישע און העברעאיסטישע לערער (ז. אויבן, זייטן 333—336). ס'האָט זיך אויסגעבילדעט אַ צענטראַלע פון די יידיש-וועלטלעכע שולן, אונטערן נאָמען „יידישע שול-אָרגאַניזאַציע פאַר ווילנער געגנט" און ג. איז אויסגעקליבן געוואָרן אין עקזעקוטיוו פון דער צענטראַלע. אין האַרבסט 1921 איז ג. אַריבערגעפאָרן קיין ווילנע און איז איינגעלאַדן געוואָרן אויפן פּאָסטן פון פאַרוואַלטער מיט די ענינים פון דער שול-אָרגאַניזאַציע און סעקרעטאַר פון עקזעקוטיווע. דאָ האָט ער אָנגעהויבן צו פירן אַן אינטענסיווע אַרבעט צוזאַמען מיט די צוויי איבעריקע מיטגלידער פון פּרעזידיום — ח"ח ב. לובאָצקי און א. קליאַנסקי.

שטייענדיק אין משך פון 7 יאָר ביים רודער פון דער שול-אָרגאַניזאַציע, האָט ער גלייכצייטיק פאָרגעזעצט זיין בילדונג, שטודירנדיק מעדיצין אין ווילנער אוניווערסיטעט. ער האָט דעם אוניווערסיטעט פאַרענדיקט מיט אַן אויסצייכנונג און האָט זיך אָפּגעגעבן כמעט אויסשליסלעך דער פּאַכמענישער אַרבעט, האָט אויך געדרוקט אַרטיקלען איבער פאָלקס-היגיענע אין „פאָלקס-געזונט". ג. איז דאָקטאָר און פאָרטרעטער פון שעף-דאָקטאָר אין שפּיטאָל „משמרת חולים" אין ווילנע.

**גומענער** אליהו, ז. ווייטער „גרעסערע ביאָגראַפישע מאַטעריאַלן און אויטאָביאָגראַפיעס".

**גורדוס** יצחק. געבאָרן אין ווילנע אין יאָר 1892. באַזוכט אַ חדר, פאָלקסשול און דעם לערער-אינסטיטוט אין ווילנע. מיטן אויסברוך פון דער וועלט-מלחמה מיטגעאַרבעט אין הילפס-קאָמיטעט אין ווילנע ביז דער עוואַקואַציע אין יאָר 1915. בעת דער דייטשער אָקופּאַציע געווען טעטיק אין פאַרשיידענע יידישע הילפס-קאָמיטעטן אין ווילנע.

אין 1918 באַזעצט זיך ג. אין ניי-סווענציאַן אַלס פאַרוואַלטער פון דער יידישער פאָלקס-שול. גענומען די גאַנצע צייט אַן אַקטיוון אָנטייל אין קולטורעלן און געזעלשאַפטלעכן לעבן פון שטעטל און געגנט. געווען איינער פון די גרינדער פון דער ניי-סווענציאַנער יידישער פאָלקסבאַנק, גמילות-חסדים-קאַסע, יידישער פאָלקס-ביבליאָטעק וכדומה.

זינט 1919 איז ג. געווען לאַווניק פון ניי-סווענציאַנער מאַגיסטראַט און אַ לענגע-





רע צייט אויך מיטגליד פון קרייז-סיימיק. ג. איז אַ מיטגליד פון פּלענום פון געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ" און פון ראַט פון דער צענטראַלער יידישער קאָאָפּ. פאָלקס-באַנק אין ווילנע. זיך באַטייליקט אין די געגנט-קאָנפערענצן פון „יעקאָפּאָ" און פיל מיטגעהאָלפן דער אַרבעט פון קאָמיטעט.

**גורוויטש** העשל. געבאָרן אין יאָר 1894 אין סווענציאַן. אינקורצן האָט זיך די פאַמיליע באַזעצט אין ניי-סווענציאַן, וואו דער פאָטער האָט זיך פאַרנומען מיט מאַלעריי, אַרבעטנדיק אויף דער פּעטערבורג-וואַרשעווער אייזנבאַן-ליניע. ביז 14 יאָר געלערנט אין חדר און גלייכצייטיק געענדיקט די רוסישע פאָלקס-שול. צוליב דער שווערער עקאָנאָמישער לאַגע פון די עלטערן איבערגעריסן דאָס לערנען און געוואָרן אַ האַנדלס-אָנגעשטעלטער.



אָנהויב 1909 געקומען אין ווילנע, געאַרבעט אַלס אָנגעשטעלטער, באַזוכט די יידישע אָוונט-שול, ביים אויפלעבן פון די בונדישע קרייזלעך אַקטיוו געאַרבעט אין געהיימען האַנדלס-אָנגעשטעלטן קרייזל אין ר' לייזערס הויף, ווי אויך אויף געהיימע פאַרזאַמלונגען אויף נאָווגאָראָד און אַנטאָקאָלער וועלדער ביים פאַרשפּרייטן לעגאַלע און אומלעגאַלע ליטעראַטור. אַרבעטנדיק אין „בונד", ניט מסכים געווען מיט דער שטעלונג פון דער פּאַרטיי צו דער נאַציאָנאַלער פּראָבלעם און זיך שפּעטער דערנענטערט צו די טעריטאָריאַליסטן.

אין יאָר 1915 פאַרלאָזן ווילנע און באַ-



זעצט זיך אין ניי-סווענציאַן. אַקטיוו געאַרבעט אין שטאָטישן הילפס-קאָמיטעט, ווי אויך פאַר די היימלאָזע פון „פּאָליגאָן". מיטגעווירקט צו פאַרוואַנדלען די דייטשע שול פאַר יידן אויף אַ ריין-יידישע שול. ביים גרינדן דעם געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ" אין ווילנע געשטעלט זיך גלייך מיט אים אין אַ פאַרבינדונג און אַקטיוו געאַרבעט אויפן געביט פון הילף פאַר די היימלאָזע און יתומים. אַ געוויסע צייט געווען פאַרוואַלטער פון היימלאָזן-פּונקט אין ניי-סווענציאַן ביי „יעקאָפּאָ", ווי אויך באַדינט דעם ראַיאָן ביים פאַרבינדן די קרובים דורך „היאַס". אַלס מיטגליד פון פּלענום „יעקאָפּאָ" ווי אויך מיטגליד פון ראַט פון דער צענטראַלער פאָלקס-באַנק זיך באַטייליקט אין אַלע אויפבוי-אַרבעטן אין סווענציאַנער געגנט, אָנטיילגענומען אין דער ערשטער געגנט-קאָנפערענץ פון „יעקאָפּאָ" אין יאָר 1919 און אין פאַרשיידענע שפּעטערדיקע באַראַטונגען פון געגנט-קאָמיטעט און האָט פיל מיטגעהאָלפן דער אַרבעט פון „יעקאָפּאָ". אויפן קולטורעלן געביט געאַרבעט לטובת די יידיש-וועלטלעכע שולן אויף דער פּראָווינץ.

ביים אָנהויב פון די גרעסערע עליות אין ארץ-ישראל אין יאָר 1920 גייסטיק זיך דערנענטערט צום פועלי-ציוניזם. אָנהויב 1925 עמיגרירט קיין פּאַלעסטינע. געאַרבעט אַלס בעל-עגלה, מאָלער און ביים פאַרפערטיקן שפּייז פאַר הינער. געווען אַ מיטגליד פון „הסתדרות העובדים" און אַ חבר פון „אחדות העבודה". פאַרלאָזן די פּאַרטיי, ניט זייענדיק מסכים מיט איר שטעלונג צו געוויסע יידישע פּראָבלעמען. אינמיטן 1929 פאַרלאָזן ארץ-ישראל צוליב פאַמיליען-סיבות און זיך צוריקגעקערט קיין ניי-סווענציאַן און ווילנע. מיטאַרבעטער פון פּנקס פון „יעקאָפּאָ".

**גיטערמאַן** יצחק. ז. ווייטער.

**גערגעל** נחום. געבאָרן אין ראַכמיסטריווקע, קיעווער גובערניע, דעם 4 אַפּריל 1887. באַקומען אַ שטרענג-פּאַטריאַרכאַלע יידישע דערציאונג, געלערנט גמרא און פּוסקים. צו 18 יאָר ווערט ג. אַן עקסטערן, ענדיקט אין 1909 די גימנאַזיע און קומט אָן אין קיעווער אוניווערסיטעט אויפן יורידישן פאַקולטעט. שוין פריער האָט ג. אָנגעהויבן זיך באַטייליקן אין פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס, אַ קורצע צייט אין „בונד" און שפּעטער אין ס. ס. אין די סטודענטישע יאָרן גייט ג. אַריין אין די אָנפירנדיקע אָרגאַנען פון די יידישע סטודענטישע אָרגאַניזאַציעס, באַטייליקט זיך אויך אַקטיוו אין אַ ריי אַלגעמיינע יידישע געזעלשאַפטן, ווי „חברה מפיצי השכלה", „געז. צו רעגולירן די יידישע עמיגראַציע" א. א. גלייכצייטיק פירט ער

אַן אומלעגאַלע פּאַרטיי־אַרבעט צווישן די יידישע אַרבעטער.

נאָכן ענדיקן דעם אוניווערסיטעט פאָרט ג. אַריבער אין יאָר 1914 קיין פּעטערבורג. שוין אין אַ קורצער צייט אַרום, אין יאַנואַר 1915 פאָרט ער אַרויס אויפן פראָנט אַלס באַפולמעכטיקטער פון פּעטערבורגער „יעקאָפּאָ“ אין קיעלצער גובערניע. גלייכצייטיק מיט דער הילפס־אַרבעט באַטייליקט



זיך ג. אין דער אָרגאַניזירונג פון דער פאַרטיידיקונג פון יידן קעגן דעם שפּיאָנאַזש־בלבול און זאַמלט־מאַטעריאַלן וועגן די רדיפות אויף יידן מצד דער צאַרישער אַרמיי, באַזונדערס וועגן די ערבות־לייט, וואָס מ'האָט גענומען ספּעציעל פון דער יידישער באַפעלקערונג לויטן באַפעל פון הויפּט־קאָמאַנדיר ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש. בעת דער אַרויסשיקונג פון דער יידישער באַפעלקערונג פון קאָוונער גוב. און קורלאַנד קומט ג. קיין ווילנע; וואו ער באַטייליקט זיך אין דער אויסאַרבעטונג פונם עוואַקואַציע־פּלאַן פון די היימלאָזע און אַרויסגעשיקטע און פאָרט אַריבער אויפן רעכטן דניעפּר־ברעג קיין פּאָלטאַווער גובערניע, כדי צו אָרגאַניזירן די אויפנאַמע פון די אַרויסגעשיקטע. ג. באַטייליקט זיך אויך אין דעם ערשטן צוזאַמענפאָר פון די הילפס־קאָמיטעטן אין קיעוו, וואו ער האָלט אַ רעפעראַט איבער דעם אַלגעמיינעם אָרגאַניזיר־פּלאַן פון דער אַרבעט פאַר די מלחמה־געליטענע. אין אויגוסט 1915 קומט ג. ווידער קיין ווילנע פאַר דער עוואַקואַציע פון דער שטאָט דורך דער רוסישער אַרמיי. פון סעפּטעמבער 1915 ווערט ג. באַשטימט אַלס באַפולמעכטיקטער פון „יעקאָפּאָ“ אין מינסקער גוב., וואו ער שטייט כמעט אַ יאָר צייט בראש פון דער גאַנצער הילפס־אַרבעט; אָרגאַניזירט די פאַרטיידיקונג אין די יידישע בלבול־פּראָצעסן. פון סעפּטעמבער 1916 אַרבעט ג. אין פּעטראָגראַד אין צענטראַלן קאָמיטעט פון „יעקאָפּאָ“, וואוהין ער ווערט אויסגעקליבן (צוזאַמען מיט א. יאָפע — דעבאָרין און ד. כאַזאַן) אַלס פאַרטרעטער פון די באַפולמעכטיקטע און סעקרעטאַריאַט. ג. ווערט דאַן אויך אויסגעקליבן אין דער צענטראַל־ביוראָ פאַר הילף דורך אַרבעט ביי „אָרט“.

נאָכן אויסברוך פון דער רעוואָלוציע אין פעברואַר 1917 גייט ג. אַריין אַלס פאַרטרעטער פון ס. ס. אין פּעטערבורגער סאָוועט פון אַרבעטער־ און סאָלדאַטן־דעפּוטאַטן. אויף דער קאָנפערענץ פון ס. ס. ווערט ג. אויסגעקליבן אין צ. ק. און נאָך דער פאַראייניקונג פון ס. ס. מיט י. ס. — אין צ. ק. פון די „פאַראייניקטע“. ג. פירט אַן אַקטיווע פּאָליטישע אַרבעט אין די אַלגעמיינע און יידישע אָרגאַניזאַציעס, זעצט אָבער גלייכצייטיק פאָר זיין טעטיקייט אין „יעקאָפּאָ“ ביז יולי 1917, ווען ער ווערט פון דער פּאַרטיי דעלעגירט קיין מינסק און ווערט דאָרט אַרויסגעשטעלט אַלס קאַנדידאַט אין גרינדונגס־פאַרזאַמלונג.

אָנהויב 1918 פאָרט ג. אַרויס קיין אוקראַינע, וואו ער ווערט באַשטימט אַלס דירעקטאָר פון דער אַלגעמיינער קאַנצעלאַריע פונם יידישן מיניסטעריום. נאָך דער העטמאַנישער איבערקערעניש אין אַפּריל 1918 פאַלט אויף ג. אויס דער גורל פּאַקטיש צו אָנפירן מיט דער אַרבעט פון מיניסטעריום און מיט דער ליקווידאַציע פון דער יידישער אויטאָנאָמיע. וועגן דעם דאָזיקן פעריאָד האָט ג. אָנגעשריבן אַ גרעסערע מאָנאָגראַפיע „דאָס יידישע מיניסטעריום אונטערן העטמאַן“, וועלכע האָט צוליב דער באָלשעוויסטישער איבערקערעניש ניט געקאָנט געדרוקט ווערן. אויך אין דעם דאָזיקן פאַראַנטוואָרטלעכסטן פעריאָד פון זיין פּאָליטישער טעטיקייט האָט ג. ניט איבערגעריסן מיט דער הילפס־אַרבעט: אין מאַי 1918 ווערט ער אויסגעקליבן אַלס פּרעזידיום־מיטגליד פונם צענטראַלן אוקראַינישן יידישן הילפס־קאָמיטעט אין קיעוו („קאָפּע“) און בלייבט אויף דעם פּאָסטן (שפּעטער אויך אַלס גענעראַל־סעקרעטאַר) ביזן אָפּפאָר פון רוסלאַנד אין יאָר 1921.

בעת דער שרעקלעכער פּאָגראָם־כוואַליע אין אוקראַינע טרעט ג. אָנהויב 1919 אַריין אַלס פּרעזידיום־מיטגליד אין צענטראַלן יידישן הילפס־קאָמיטעט פאַר פּאָגראָם־געליטענע. ג. ווערט אויך איינגעלאַדן אַלס פאַרוואַלטער פון דער צענטראַלער סעקציע פאַר הילף די פּאָגראָם־קרבנות ביים פאָלקס־קאָמיסאַריאַט פאַר סאָציאַלער פאַרזאָרגונג. אין דעצעמבער 1919 ווערט ג. אויסגעקליבן אַלס פאָרזיצער פונם פּאָגראָם־קאָמיטעט ביים רויטן־קרייץ און בלייבט אויפן פּאָסטן ביז מאַי 1920, ווען דער קאָמיטעט איז ליקווידירט געוואָרן דורך דער סאָוועט־רעגירונג.

נאָך דער גרינדונג פון „יידגעזקאָם“ אין יולי 1920, ווערט ג. אויסגעקליבן אַלס פאַרטרעטער פון די געז. אָרגאַניזאַציעס אין קאָמיטעט און שפּעטער אויך אין פּרעזידיום. אין פעברואַר 1921 טרעט ער אַרויס לויטן באַשלוס פון די געז. אָרגאַניזאַציעס פון „יידגעזקאָם“ און באַשליסט עמיגרירן קיין אויסלאַנד. די גאַנצע צייט פון דער אוקראַינישער פּאָגראָם־כוואַליע האָט ג. סיסטעמאַטיש געזאַמלט מאַטעריאַלן וועגן די פּאָגראָמען.

אין דעצעמבער 1921 קומט ג. קיין בערלין, וואו ער טרעט צו צוזאַמען מיט מ. קריינין און אַ ריי אַנדערע געז. טוער צו דער שאַפונג פון „אָזע“ אין אויסלאַנד. אין 1922 ווערט ג. אויסגעקליבן אַלס פּרעזידיום־מיטגליד פון פאַרבאַנד „אָזע“ און רעדאַקטאָר פונם פאַרבאַנד־אָרגאַן (ביולעטין). ג. אַרבעט אויך אַקטיוו אין „מזרח־יידישן היסטאָרישן אַרכיוו“, וואו עס זיינען קאָנצענטרירט די מאַטעריאַלן פון די פּאָגראָמען אין אוקראַינע, און אויך אין אַנדערע יידישע אָרגאַניזאַציעס. אין 1923 ווערט ג. אויסגעקליבן אַלס גענעראַל־סעקרעטאַר פונם אָרגאַניזיר־קאָמיטעט פונם אויפבוי־פאָנד ביים פאַרבאַנד „אָרט“. אין 1925 פאָרט ג. קיין אַמעריקע אַלס מיטגליד פון דער „אָזע“־דעלעגאַציע. די גאַנצע צייט ווידמעט ג. הויפּטזעכלעך זיין אויפמערקזאַמקייט דער לאַגע פון די יידן אין רוסלאַנד. זייט 1926 איז ג. אַ מיטאַרבעטער פון „דזשוינט“ בנוגע רוסישע פראַגן. ג. באַשעפטיקט זיך אויך מיט זשורנאַליסטיק און דרוקט פון צייט צו צייט אַרטיקלען אין פאַרשיידענע אָרגאַנען אין אייראָפּע און אַמעריקע און האָט אין יאָר 1929 פאַרעפנטלעכט אַ גרעסערע אַרבעט איבער „די לאַגע פון די יידן אין רוסלאַנד“ (פאַרלאַג ח. בזשאָזאַ, וואַרשע). ג. איז אויך אַן אַקטיווער מיטגליד פון בערלינער קאָמיטעט פאַרן יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט אין ווילנע און אויף דער קאָנפערענץ פון ייוואָ (ווילנע, 24—27 אָקטאָבער 1929) איז ער אויסגעקליבן געוואָרן אַלס קאַנדידאַט אין צענטראַל־פאַרוואַלטונג און מיטגליד פון דער עקאָנאָמיש־סטאַטיסטישער סעקציע.

**גראָדזענסקי** ר' חיים עוזר. ז. ווייטער.

**דובין** שלמה חיים. געבאָרן אין יאָר 1895 אין דאָרף באַלאַשי, ווילייקער קרייז. זיין פאָטער, אַ געוועזענער ישיבה־בחור און תלמיד־חכם, האָט געשטאַמט פון אַמסטיבאָווע ביי וואָלקאָוויסק און איז אַנגעקומען אַלס איידעם צו אַ רייכן ישובניק. אין יאָר 1909 זיך באַזעצט אין ווילייקע. געלערנט ביי מלמדים, געענדיקט די רוסישע שטאָט־שול אין ווילייקע. אַ קורצע צייט פאַרנומען זיך מיט לערעריי, געוועזן פאַרמאַצעווט אין אוקראַינע, אומקערנדיק זיך אין פוילן פאַרנעמט זיך מיט געשעפטן אַלס גרעסערער סוחר־אונטערנעמער.

פאַר דער רוסישער אָקטאָבער־רעוואָלו־

ציע אין יאָר 1917. נעמט ער אַן אָנטייל אין צוזאַמענפאָר פון די רוסישע פראָנט־סאָלדאַטן אין ווילייקע, וואו ער טרעט אַרויס אַלס אָפיציעלער ציוניסט און פאַרטיידיקט די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג און די ציוויליקע רעגירונג. בעת דער דייטשער אָקופּאַציע סוף 1918, באַטייליקט ער זיך אַלס דעלעגאַט אויפן ערשטן ציוניסטישן



צוזאַמענפאָר אין ווילנע. געלעבט אין קאָוונע און בערלין און אין יאָר 1920, נאָך דער פויליש־רוסישער מלחמה, קערט ער זיך אום צוריק אין ווילייקע און פאַרבינדיק זיך מיטן געגנט־קאָמיטעט „יעקאָפּאָ" אין ווילנע, ווערט ד. זיין שטענדיקער מיטאַרבעטער אויף אַלע פאַרשיידענע געביטן פון זיין טעטיקייט (ווילייקע איז דאַן געווען איינער פון די פונקטן אויף דער לאַנגער פויליש־רוסישער גרעניץ, דורך וועלכער ס'זיינען דורך אין די ערשטע 2—3 יאָר טויזנטער רעעמיגראַנטן, אויך פיל הונדערטער עמיגראַנטן פון פוילן קיין רוסלאַנד, וועלכע זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרן פון די גרעניצן פון דער פוילישער רעפּובליק קיין רוסלאַנד) און ביי זיין טאָג־טעגלעכער אַרבעט פאַר היימלאָזע און רעפּאַטריאַנטן, רעעוואַקואַציע, יורידישע הילף, עמיגראַציע־טעטיקייט, אויפבויאונג פון די חרוב־געוואָרענע פון דער מלחמה בנינים, יתומים־הילף און קינדער־פאַרזאָרגונג, קולטורעלע טעטיקייט, גרינדונג פון גמילות־חסדים־קאַסע א. אַז. וו. ד. האָט זיך באַטייליקט אין די „יעקאָפּאָ"־ און קהילות־צוזאַמענפאָרן. גלייכצייטיק איז ער טעטיק אַלס מיטגליד פון דער ציוניסטישער אַרבעטס־פּאַרטיי „התאחדות". פון יאָר 1924 ביז 1928 איז ד. געווען דער אָפיציעלער אַרויסגעבער פון דער ווילנער טעגלעכער צייטונג „צייט". פון יאָר 1921 נעמט ער אַ גרויסן אָנטייל אין דער קהילה־טעטיקייט אין ווילייקע און ווערט אויסגעקליבן אַלס יושב־ראש פון דער קהילה פון דעם ערשטן מאָמענט פון איר גרינדונג און ווען אין יאָר 1928 זיינען פאָרגעקומען די אָפיציעלע וואַלן לויטן דעקרעט פון דער מאַכט אין ווילייקע און אין דער שכנותדיקער שטעטל



קורעניץ, ווערט ד. ווידער איינשטימיק אויסגעוויילט אַלס פאָרזיצער פון דער קהילה, וועלכן פּאָסטן ער פאַרנעמט ביז היינטיקן טאָג. אין 1927 ווערט ער אויך אויסגעוויילט אַלס ראַטמאַן פון ווילייקער שטאָטראַט און דורכן לעצטן אַלס יידישער מיטגליד אין קרייז־סיימיק.

אין, די אַרבעטן פון ווילייקער קאָמיטעט פון „יעקאָפּאָ" (און קהילה) ביי דער אויפריכטונג פון דער חרוב־געוואָרענער שטאָט האָבן צוזאַמען מיט ד. זייער פיל מיטגעווירקט די ה"ה יעקב צבי קאָפּעליאָוויטש און יהודה פריידוס.

**דאָמעראַצקי** אלי'. געבאָרן אין יאָר 1894 אין רייגראָד, לאָמזשער גובערניע, אַריבערגעפאָרן אין דער שכנותדיקער שטעטל אווגוסטאָוו, סוואַלקער גובערניע, זיך געלערנט אין חדר, געענדיקט די ווילקאָווישקער גימנאַזיע מיט אַ מעדאַל אין יאָר 1913, אָבער צוליב די פאַראָרדענונגען פון דעמאָלטיקן רוסישן בילדונגס־מיניסטער קאַסאָ, קען ער ניט אָנקומען אין אוניווערסיטעט. עה אַרבעט אַלס לערער און בוכהאַלטער אין קאַלטיניאַן, אווגוסטאָוו און ביאַליסטאָק.

אין געזעלשאַפטלעכן לעבן ווערט ד. אַריינגעצויגן אַלס 12—13 יאָריקער יינגל. אַלס שילער פון גימנאַזיע הויבט ער אָן צו אַרבעטן צווישן די בערשטער (אין ווילקאָווישק איז דאַן געווען אַ גאַנץ גרויסע בערשטער־אינדוסטריע) און דערמיט אין דער אַרבעטער־באַוועגונג.

נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה באַזעצט זיך ד. אין ביאַליסטאָק און ווען די שטאָט ווערט פאַרנומען דורך די דייטשן, אַרבעט ער אין אַ דייטשישער פאָלקסשול פאַר יידישע קינדער, וואו צוזאַמען מיט אַ גרופּע חברים אָרגאַניזירט ער אַ ברייטע אַקציע פאַר איינפירן אין די דאָזיקע שולן די יידישע לימוד־שפּראַך. די דייטשישע שול־מאַכט דראָט מיט רעפּרעסיעס, די אַקציע ווערט אָבער ווייטער געפירט און געקרוינט מיט דערפאָלג. שפּעטער ווערט ד. אַ פאַרוואַלטער פון אַ יידיש־וועלטלעכער פאָלקסשול. ווען די פּאָליאַקן פאַרנעמען ביאַליסטאָק, קומט ד. אָן אויפן פילאָזאָפישן פאַקולטעט פון קראָקעווער אוניווערסיטעט, מוז אָבער איבעררייסן זיין שטודיע צוליב פאַמיליע־ענינים. ער ווערט סעקרעטאַר פון דער געזונטהייטס־אָפּטיילונג ביי דער ביאַליסטאָקער קהילה, העלפט מיט צו אָרגאַניזירן די געזעלשאַפט „אָזע" און ווערט איר ערשטער סעקרעטאַר. אין 1921 נעמט ער איבער דעם פּאָסטן פון סעקרעטאַר פון דער קרייז־קאָמיסיע פאַר יתומים־פאַרזאָרגונג, אין אַ יאָר אַרום ווערט ער אויסגעוויילט אַלס פאַרוואַלטער פון דער הויפּט־ביוראָ פון דער „ביאַליס־



טאָקער געזעלשאַפט פאַר יתומים־פאַרזאָרגונג", וואָס נעמט איבער די אַרבעט פון ד. ד. ק. אין ביאַליסטאָקער ראַיאָן. אויף דעם דאָזיקן פּאָסטן פאַרבלייבט ער ביז אויף היינטיקן טאָג. ער אַרבעט גלייכצייטיק מיט אין „אָרט" און „טאָז" אַלס פאַרוואַלטונגס־מיטגליד (ביז מיטן 1928). גרויסע ענערגיע גיט ער אָפּ דער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע אין ביאַליסטאָק, וואו ער איז זייט 1925 וויצע־פאָרזיצער. האָט אין די יאָרן 1927—1928 רעדאַגירט דעם זשורנאַל פון ביאַליסטאָקער יתומים־צענטראַלע „פאַרן יידישן קינד", האָט זיך אויך באַטייליקט אין די אויסגאַבעס פון יתומים־פאַרבאַנד און פון צייט צו צייט אין דער אָרטיקער פּרעסע. פון 1924 איז ד. מיטגליד פון פּלענום פון יתומים־פאַרבאַנד, פון סוף 1928—מיטגליד פון עקזעקוטיווע.

**דיזשור** אליהו. געבאָרן אין יאָר 1896 אין זוועניגאָראָדקע, קיעווער גובערניע. אין 1913 געענדיקט די מיטל־שולע. 1913—1914 שטודירט יורי אין ציריך. נאָך דעם אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה זיך אומגע־



קערט קיין רוסלאַנד. ביזן סוף 1917 שטודירט אויפן יורידישן פאַקולטעט פון פּסיכאָ־נעוראָלאָגישן אינסטיטוט אין פּעטערבורג. אין 1918 פאַרענדיקט דעם יורידישן פאַקולטעט אין קיעווער אוניווערסיטעט. 1916—1917 געווען סעקרעטאַר פון דער רעדאַקציע פון רוסישן וויסנשאַפטלעכן זשורנאַל „וועסטניק זנאַניאַ" און מיטאַרבעטער פון אַנדערע רוסישע מאַנאַטס־שריפטן. 1918—1919 געווען מיטגליד און סעקרעטאַר פון דער יידישער פאָלקספּאַרטיי אויף אוקראַינע און קאַנדידאַט צו דער יידישער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג פון אומאַניער קרייז.

אַנהויב 1921 פאַרלאָזן רוסלאַנד און ביז 1923 טעטיק אַלס סעקרעטאַר פון „צענטראַלן אוקראַינישן קאָמיטעט" אין פוילן, וועלכער האָט זיך ספּעציעל באַשעפטיקט מיט דער יידישער מאַסן־עמיגראַציע פון אוקראַינע און רוסלאַנד. צו דער זעלבער צייט צוערשט קאָאָפּטירטער און דערנאָך אויסגעוויילטער מיטגליד פון צ. ק. פון דער „יידישער פאָלקס־פּאַרטיי" אין פוילן.

פון 1923 ביז 1925 סעקרעטאר און פון 1925 ביז 1927 שטעלפארטרעטנדער גענעראל־סעקרעטאר פון „עמיגדירעקט“ אין בערלין. זייט 1927 מיטגליד פון סעקרעטאריאט פון „היקעם“ („היאס־יקא־עמיגדירעקט“). פאר דעם פעריאד פארעפנטלעכט א ריי ספעציעלע ארטיקלען וועגן עמיגראציע־פראגן אין די זשורנאלן „דער וועג“ און „די יידישע עמיגראציע“. מיטארבעטער פון דער ענציקלאפעדיע (דייטש) „יידישעס לעקסיקאן“ (יידישער פארלאג, בערלין 1928—1930, פינף בענדער). פארעפנטלעכט א בוך (יידיש) אויף דער טעמע „די מאדערנע פעלקער־וואנדערונג, די איראפעאישע אויסוואנדערונגס־באוועגונג און די עמיגראציע־פאליטיק“ (פארלאג „היאס־עמיגדירעקט“, בערלין 1929. ז. 104, מיט א הקדמה פון פראפ. ד״ר ל. הערש).

**העלד** אדאלף. געבארן אין באריסלאוו (מזרח־גאליציע) אין יאר 1885. בילדונג באקומען אין ניו־יארקער אוניווערסיטעט. אין יאר 1917 אויסגעוויילט אלס מיטגליד פון ניו־יארקער שטאטראט. געווען דער געשעפטס־פארוואלטער פון „פארווערטס“. אין יאר 1920 געקומען קיין פוילן אלס איינער פון די ערשטע פארשטייער פון „היאס“ און האט דא אנטוויקלט אויף דעם יידישן געזעלשאפטלעכן עמיגראציע־געביט זייער א גרויסע טעטיקייט. ביי דער דאזיקער ארבעט אויך געשטאנען אין א נאענטן קאנטאקט מיט די טוער פון „יעקאפא“. ביי זיין עמיגראציע־טעטיקייט אין ווארשע האט אים אויך מיטגעהאלפן זיין פרוי. זיך באטייליקט אין יידישן עמיגראציע־צוזאמענפאר אין פראג אין יאר 1921. געגעבן די איניציאטיוו און געהאלפן גרינדן דעם „עמיגדירעקט“. אין יאר 1924 זיך אומגעקערט קיין אמעריקע און געווארן וויצע־פארזיצער פון ארבעטער־באנק („אמאלגאמייטעד־באנק“, פון די פאראייניקטע יידישע שניידער) אין ניו־יארק.

**וואולמאן** לייב, ד״ר. געבארן אין יאר 1887 אין בערדיטשעוו. געענדיקט די גימנאזיע אין נאווא־אלעקסאנדריע (לובל. גוב.) אין יאר 1910 און דעם מעדיצינישן פאקולטעט פון ווארשעווער אוניווערסיטעט אין יאר 1916. מיט געזעלשאפטלעכער טעטיקייט זיך אנגעהויבן צו פארנעמען נאך אין די סטודענטישע יארן. אזוי ארגאניזירט ער די פארשטייערשאפט פון די ווארשעווער יידישע סטודענטן צום ערשטן יידישן סטודענטן־קאנגרעס אין דארמשטאט אין יאר 1911, האט אויך ארגאניזירט צווישן די סטודענטן א קרייז צו קעמפן קעגן שמד, וואס האט זיך דעמאלט זייער פארשפרייט צווישן דער יידישער אקאדעמישער יוגנט א. אז. וו. זייענדיק אין אוניווערסיטעט פארנעמט ער זיך אויך



מיט זשורנאליסטיק און דרוקט קארעספאנדענציעס און ארטיקלען וועגן ווארשעווער יידישן לעבן אין די קיעווער רוסישע צייטונגען. ער איז אויך א לענגערע צייט דער ווארשעווער קארעספאנדענט פון דער יידישער טעגלעכער צייטונג „פאלקסשטימע“ אין בערדיטשעוו (1912).

מיט דעם אויסברוך פון דער מלחמה פארלאזט וו. ווארשע, ווערט מאביליזירט און באנייט זיין געזעלשאפטלעכע טעטיקייט ערשט אין ראסטאוו־דאן, וואו ער גיט אפ דעם דאקטאר־עקזאמען ביים ווארשעווער אוניווערסיטעט, וועלכער איז אהין עוואקואירט געווארן. אין ראסטאוו ארגאניזירט ער אויך צוזאמען מיט פראפ. כמעליעווסקי און רעד. בערעזאווסקי די ראסטאווער אפטיילונג פון דער רוסישער דעמאקראטישער פארטיי.



נאכן ענדיקן דעם אוניווערסיטעט ווערט ער באשטימט אלס פארוואלטער פון דער מעדיצינישער אפטיילונג פון עמיגראציע־אמט ביים רויטן קרייץ אין כארקאוו און שפעטער אלס פארוואלטער פון דער זעלבער אפטיילונג אין הויפט־עמיגראציע־אמט אין אוקראינע.

אין יאר 1921 קערט ער זיך צוריק אום קיין ווארשע, וואו ער ווערט ארדינאטאר אין סאנאטאריע פון „בריאות“ אין אטוואצק. אין אייניקע חדשים ארום ווערט ער פארוואלטער פון דער מעדיצינישער סעקציע ביי דער עמיגראציע־אפטיילונג פון יידישן נאציאנאל־ראט. גלייכצייטיק דרוקט ער א ריי ארטיקלען אין דער ווארשעווער פרעסע („היינט“, „דער עמיגראנט“) וועגן דער לאגע און די נויטן פון־די יידישע היימלאזע.

אין יאר 1922 ווערט ער באשטימט אלס געהילף־דירעקטאר פון מעדיצינישן דעפארטאמענט פון „דזשוינט“ אין ווארשע.

אין יאר 1923 ווערט ער געוויילט אלס דירעקטאר פון „טאז“, וועלכן אמט ער פארנעמט ביז אויף היינטיקן טאג.

אין יאר 1927 גייט ארויס אין ווארשע אונטער זיין רעדאקציע דאס בוך „5 יאר טעטיקייט פון „טאז“ (1922—1926)“. אין יאר 1928 (24—25 יוני, ווארשע) ווערט



לויט זיין איניציאטיוו גערופן דער ערשטער יידישער דאקטוירים־צוזאמענפאר, וועמענס ארבעטן ער גיט ארויס אין יאר 1929 אין א גרעסערן וויסנשאפטלעכן ווערק: „שריפטן פון 1־טן לאנד־דאקטוירים־צוזאמענפאר פון טאז“ (ווארשע, 1929). ביידע ביכער זיינען א וויכטיקער בייטראג אין דער מעדיצינישער ליטעראטור אויף יידיש.

פון יאר 1928 רעדאגירט ער אויך די מאנאטלעכע צייטשריפט „טאז־ידיעות“, וואס באהאנדלט וויסנשאפטלעכע פראגן פון סאציאלער מעדיצין און היגיענע ביי יידן.

ער ארגאניזירט אויך אפטיילונגען פון דער יידישער מעדיצינישער טעטיקייט אויף דער אינטערנאציאנאלער סאניטאר־מעדיצינישער אויסשטעלונג אין ווארשע און אויף דער אלגעמיינער לאנד־אויסשטעלונג אין פוזן (1929).

ד״ר וואולמאנען געהערט די איניציאטיוו פון שאפן די פאראייניקונג פון די 4 גרעססטע יידישע געזעלשאפטלעכע ארגאניזאציעס אין פוילן („ארט“, „טאז“, „יעאס“ און „צענטאס“—יתומים־פארבאנד) א. נ. „אויפבוי און זעלבסטהילף“ פארן צוועק פון געמיינזאמע געלט־זאמלונגען, וואס איז פראקלאמירט געווארן אויף דער קאנפערענץ פון די 4 ארגאניזאציעס אין ווארשע דעם 9—10 מערץ 1930, ווען ס׳איז אויך פארגעקומען דער 1־טער לאנד־צוזאמענפאר פון „טאז“ אין פוילן, וועלכן וו. האט ארגאניזירט און מיט די ארבעטן פון וועלכן ער האט אנגעפירט.

**וואלק** יצחק. געבארן אין יאר 1895 אין דווינסק. געלערנט אין א חדר, באזוכט די שטאטישע רוסיש־יידישע שול און שפעטער געווארן אן עקסטערן.



אין יאר 1911 אריינגעטראטן אין „צעירי־ציון“. מיטן פאראייניקן זיך פון „צעירי־ציון“ מיט „פועלי־ציון“ געהערט צו די רעכטע פועלי־ציון. ביז דער רוסישער רעוואלוציע אנטיילגענומען אין דער אומלעגאלער ציוניסטישער טעטיקייט אין דווינסק און אומגעגנט. געווען אויך דער סעקרעטאר פון „חובבי שפת עבר“ אין דווינסק. נאך דער רעוואלוציע—מיטגליד

פון אלציוניסטישן געגנט-קאמיטעט פאר מינסק, מאהילעוו און וויטעבסקער גובערניעס, פאר דער צייט געווען מצד „צעירי-ציון" א גלאסנער אין פלאצקער שטאטדומע און קאנדידאדירט אין וויטעבסקער, דווינסקער און וויניצער (פאדאליע) געגנטן צום אלרוסישן יידישן צוזאמענפאר. פון יאר 1919 מיטגליד פון צענטראל-קאמיטעט פון „צעירי-ציון" אין ווילנע פאר ווילנער און נאוואגרודקער וואיעוואודסטוועס. שפעטער, ביזן יאר 1928 — מיטגליד פון אלפוילישן פארטיי-ראט פון צעירי-ציון.

די געזעלשאפטלעכע טעטיקייט אנגעהויבן אין יאר 1914 אין אנהויב פון דער מלחמה. גענומען דאן אן אקטיוון אנטייל אין הילף פאר די מגורשים פון קאוונער גוב. דעלעגירט געווארן אין דער ארומיקער סביבה (בראסלאוו, ווידז, קרעסלאווקע און ישובים) צו עוואקואירן די איינוואוינער צוליב דעם אנגריף פון די דייטשן. אין מיטן 1915 איינגעלאדן געווארן דורך דעם באפולמעכטיקטן פון פעטערבורגער „יעקאפא" ה' מאיר פיינלייב מיטצוארבעטן אין פאראייניקטן קאמיטעט פון „יעקאפא"-„אזע", וועלכע האט דאן אנטוויקלט א גרויסע הילפס-טעטיקייט אין געגנט פלאצק, גלובאקע, קרעסלאווקע און די ארומיקע שטעט און שטעטלעך אין יענעם שטח, וועלכע זיינען געווען בשכנות פון מיליטערישן אפעראציע-געביט. אין מיטן יאר 1917 אנגענומען געווארן אין פארבאנד פון די זעמסטוועס (זעמסקי סאיוז), וואו פארוואלטעט מיט דערנערונגס-פונקטן פאר זעלנער נאענט פון די קאמפס-פאזיציעס ביי דאקשיץ—גלובאקע. סוף זיבעצנטן יאר ווידער גענומען מיטארבעטן אין „יעקאפא". פאר דער צייט פארגעזעצט די ארבעט אין פאלאצקער און גלובאקער געגנטן. נאכן אריבערפארן אין ווילנע אין יאר 1919 אריינגעטראטן אין געגנט-קאמיטעט „יעקאפא" און זיך זייער שטארק באטייליקט אין זיין טעטיקייט אויף פארשיידענע געביטן פון שנעלער הילף און קאנסטרוקטיווער ארבעט: אזוי האט ער פארוואלטעט מיט דער היימלאזע אפטיילונג אין ווילנע און פראווינץ, געווען דער פארוואלטער פון 2-טן אויפבוי-ראיאן אויפצושטעלן די חרוב-געווארענע שטעט און שטעטלעך אין נאוואגרודקער געגנט. לעצטנס איז וו. פארוואלטער פון דער ווילנער אפטיילונג („יעאס" ביי „יעקאפא") פון דער צענטראלער ייד. עמיגראציע-געזעלשאפט אין פוילן, וועלכע באדינט ווילנע און ווילנער-נאוואגרודקער וואיעוואודסטוועס.

וו. האט פארעפנטלעכט אין דער ווילנער טעגלעכער פרעסע („יידישע צייטונג", „אונזער פריינד", „צייט" א. א.) א ריי פעליעטאנען און ארטיקלען פון פראווינציעלן לעבן. מיטגעארבעט אין „אונזער הילף" (ארגאן פון געגנט-קאמיטעט „יעקאפא" אין ווילנע), „צוקונפט" (ווילנער פארטיי-ארגאן פון צ. צ.) און „די יידישע עמיגראציע" (ארגאן פון „עמיגדירעקט" אין בערלין 1929—1930). געדרוקט בילדלעך פון עמיגראנטן-לעבן אין ווארשעווער „היינט" (1929) אונטערן פסעוודאנים יצחקי.

וו. איז א מיטגליד פון עקזעקוטיווע פון געגנט-קאמיטעט „יעקאפא" פון יאר 1919 אן (אויסגעקליבן אויף דער ערשטער קאנפערענץ פון קאמיטעט) ביז אויף היינטיקן טאג. זיך באטייליקט אין אלע קאנפערענצן פון „יעקאפא", אויף וועלכע ער האט געלייענט רעפעראטן און באריכטן. מיטגליד פון פלענום פון יתומים-פארבאנד אין ווארשע. נאענטער מיטארבעטער פון פנקס פון „יעקאפא".

**וויגאדסקי** יעקב ד"ר. ז. ווייטער.

**וויזנבערג** וויטאלד ד"ר. געבארן אין יאר 1874 אין דראהאביטש (מזרח-גאליציע). זיך געלערנט אין גימנאזיע אין דראהאביטש און סטאניסלאוואוו און געענדיקט דעם אוניווערסיטעט אין לעמבערג. זיך באזעצט אלס אדוואקאט אין דראהאביטש. דארט האט ער אויך פון יאר 1918 געפירט די פארוואלטונג פון ארטיקן יתומים-הויז צוזאמען מיטן אינזש. יוזעף מעמצים, וועלכער איז ביז אויף היינטיקן טאג דער פארזיצער פון אנשטאלט. גלייכצייטיק איז וו. געווען א מיטגליד פון צענטראלן יידישן רעטונגס-קאמיטעט אין לעמבערג און אלס אזעלכער האט ער אנגעפירט מיט דער אפטיילונג פון אנגערופענעם קאמיטעט אין דראהאביטש. אין יאר 1922 האט זיך וו. אריבערגעקליבן קיין לעמבערג, וואו ער איז אין יאר 1923 געווארן אויסגעקליבן צוערשט אלס וויצע-פארזיצער און דערנאך אלס פארזיצער פון צענטראל-קאמיטעט פאר אויפזיכט איבער יידישע יתומים (יתומים-צענטראלע פאר מזרח-גאליציע). דעם דאזיקן אמט פירט ער ביז אויף היינטיקן טאג. וו. איז אויך א מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע פון פארבאנד פון די צענטראלעס פאר יידישער יתומים-פארזארגונג אין פוילן („צענטאס").

**וויקטאראוו** שלמה. געבארן אין וועליזש (וויטעבסקער גוב.) אין יאר 1882. געענדיקט גימנאזיע און דעם לערער-אינסטיטוט אין ווילנע. געווען א לערער אין יידיש-רוסישע שולן. פון מאי 1915 אנגעהויבן צו ארבעטן אין פעטערבורגער „יעקאפא", אנגעפירט מיט דער עוואקואציע ביים גירוש פון די יידן אין קאוונער געגנט, שפעטער איז ער געשיקט געווארן אלס באפולמעכטיקטער אין טשערניגאווער און פאלטאווער גוב. איינצוארדענען די היימלאזע, דערנאך זיך פארנומען מיט דער רעעוואקואציע. אין „יעקאפא" האט ער אנטוויקלט זייער א גרויסע טעטיקייט. זיך באטייליקט אין אלע צוזאמענפארן פון צענטראל-קאמיטעט אין פעטערבורג און מאסקווע. פון יאר 1921 — סעקרעטאר און געשעפטספירער פון ווילנער „ארט". ביי פארשיידענע ענינים פון פראדוקטיווער הילף ענג מיטגעארבעט מיט דעם געגנט-קאמיטעט „יעקאפא" אין ווילנע. אין יאר 1924 פארלאזט וו. די געזעלשאפטלעכע טעטיקייט און גייט אריבער צו פריוואטע באשעפטיקונגען.

**ווערטהיים** אברהם. געבארן אין יאר 1891 אין בענדערי (בעסאראביער גוב.). זיין פאטער, א רב, האט געשטאמט פון באוואוסטע רבנים, גאונים, צדיקים (משערנוביל, בעל שם טוב, מהרש"א, תבואת שור). זיין מוטער האט געשטאמט פון וואלין און געווען א טאכטער פון באוואוסטן



בערעזנער רבין. ביז 20 יאר האט ער געלערנט תלמוד, פוסקים, אנגעפירט א פאר יאר מיט דער הוראה ביים טאטן אין בית-דין-שטוב. אין יאר 1912 איז ער ארויסגעפארן קיין אדעס, דאמאלסדיקן מרכז רוחני פון דרום-רוסלאנד, און זיך אפגעגעבן מיט וועלטלעכע למודים.

ער האט דאן צוזאמען מיט ד"ר אייזענשטאט, נתן גרינבלאט, מ. א. זאק און י. ספיוואק געגרינדעט און אנטיילגענומען אין רעדאגירן און ארויסגעבן א זשורנאל „שחרית" (א 2 וועכנטלעכן), וועלכער איז געווען געווידמעט די אינטערעסן פון דער יידישער אינטעליגענטער נאציאנאלער יוגנט (מיט עסערישע טענדענצן). גלייכצייטיק איז ער אויך געווען דער סעקרעטאר פון ציוניסטישן געגנט-קאמיטעט, וועלכער האט אנגעפירט מיט דער ציוניסטישער און צעירי-ציוניסטישער ארבעט אין 4 דרום-גובערניעס.

אנהויב מלחמה האט ער פארלאזן אדעס און פון יאר 1916 האט ער געארבעט אין קיעווער „קאפע", וועלכער איז געווען דער געגנט-קאמיטעט פאר דרום-רוסלאנד פון

אלרוסישן „יעקאפא". אין „קאפע" האט ער געארבעט ביז דער קאמיטעט איז ליקווידירט געווארן אין יאר 1920. אין יאר 1919—1920 האט ער אויך געארבעט אין רויטן קרייז (אפטיילונג פאר פאגראם-געליטענע) און פון יאר 1920 ביז 1924— אין דזשוינט (אפטיילונג פאר היימלאזע און רעפאטריאנטן); פון יאר 1926 אין דזשוינט-אפטיילונג פאר די גמילות-חסדים-קאסעס, וואו ז. ארבעט אלס אינספעקטאר און ארגאניזאטאר פון די קאסעס.

**זילבערפארב** משה ד״ר. געבארן אין ראוונע (וואלין) אין יאר 1876. געענדיקט דעם אוניווערסיטעט אין בערן און קיעוו אלס ד״ר יורי. געזעלשאפטלעך אנגעהויבן צו ארבעטן אין יאר 1904 אלס מיטגליד פון דער פאליטישער גרופע „וואזראזשדעניע" און אלס מיטרעדאקטאר פון דעם ארגאן מיט דעם זעלבן נאמען. אין די יארן 1905—1908 געווען א מיטגליד פון צענטראל-קאמיטעט פון דער „יידישער סאציאליסטישער ארבעטער-פארטיי" (סיימאוצעס), וועלכע ער האט געהאלפן גרינדן און צווישן די אנפירער פון וועלכע ס'האבן זיך געפונען די הויפט-טוער פון דער גרופע „וואזראזשדעניע" (ז. דעם ערשטן זאמלבוך „סערפ", מאסקווע 1907). 1908—1911 געלעבט אלס פאליטישער עמיגראנט אין אויסלאנד. 1911—1914 געארבעט אין ראוונער „געזעלשאפט פאר קעגנזייטיקן קרעדיט" אלס געוויילטער פארזיצער פון דער פארוואלטונג. 1914—1917 געארבעט אין דער געזעלשאפט יק״א (פעטערבורג) אלס אינספעקטאר פון די יידישע ליי- און שפאר-קאסעס. 1917—1918 איז ז. געווען מיטגליד פון צ. ק. פון דער „פאראייניקטער ייד. סאצ. פארטיי" און מיניסטער פאר יידישע ענינים אין אוקראינע (פון 15 יוני 1917 ביזן 16 יאנואר 1918, — דאס ערשטע יידישע מיניסטעריום אויף דער וועלט). 1918—1919—דירעקטאר פון יידישן פאלקס-אוניווערסיטעט אין קיעוו. 1919—1921 — פארזיצער פון צענטראל-קאמיטעט פון דער „קולטור-ליגע" אין אוקראינע.

אין יאר 1921 קערט ז. זיך אום קיין פוילן, באזעצט זיך אין ווארשע און שטעלט זיך בראש פון „ארט" אלס פארזיצער פון צענטראל-קאמיטעט, וואו ער פירט אן מיט דער ארבעט ביז אויף היינטיקן טאג. פון 1922 איז ער אויך מיטגליד פון דער צענטראלער פארוואלטונג פון פארבאנד „ארט" אין בערלין. אין די יארן 1923—1925 אקטיוו זיך באטייליקט ביי עמיגראציע-ענינים אלס עקזעקוטיוו-מיטגליד פון קאמיטעט, וואס האט שפעטער געבילדעט די צענטראלע ייד. עמיגר.-געז. („יעאס") אין פוילן. גלייכצייטיק אנטוויקלט ז. א קולטורעלע טעטיקייט אלס פארזיצער פון פארלאג „קולטור-ליגע" אין ווארשע, באטייליקט זיך אין דער צענטראלער יידישער שול-ארגאניזאציע, ליטעראטן-פאראיין א. א., ווי אויך אלס פובליציסט און רעדאקטאר.

די פובליציסטישע טעטיקייט האט ז. אנגעהויבן אין די פארטיי-ארגאנען און זאמלביכער „וואזראזשדעניע" (1904—1905), „סערפ", „פאלקסשטימע" (1907) א. א., וואו ער האט געשריבן אונטער זיין פאפולערן דאן פסעוודאנים באזין, אויך עזרא א. א. שפעטער זיך באטייליקט אין „יעוורייסקי מיר", „די נייע צייט", אין דער ווילנער „יידישע וועלט" (1914) א. א. אין ערשטן זאמלבוך „רויטן פנקס" (פארלאג „קולטור-ליגע", ווארשע 1921) אפגעדרוקט דעם ארטיקל „די גרופע וואזראזשדעניע, ווי זי איז אנטשטאנען און זיך אנטוויקלט". אין א בוך-פארם זיינען ערשינען פאלגנדע זיינע ארבעטן: 1) די יידישע פראגע אויף די בלעטער פון דער סאציאליסטישער פרעסע (רוסיש), פעטערבורג—מאזיר 1906; 2) די יידישע געזעלשאפטן פון קעגנזייטיקן קרעדיט (רוסיש, פעטערבורג 1913; 3) די פארוואלטונג פון די יידישע געמיינדעס אין רוסלאנד (דייטש), פרעסבורג 1911 און 4) דאס יידישע מיניסטעריום און די יידישע נאציאנאלע אווטאנאמיע אין אוקראינע (יידיש), קיעוו 1919. אין יאר 1928—1929 איז ז. געווען איינער פון די רעדאקטארן פון קריטיש-ביבליאגראפישן זשורנאל „ביכער-וועלט" (פארלאג „קולטור-ליגע", ווארשע, אפריל 1928 — אווגוסט 1929). אויף דער ערשטער קאנפערענץ פון דעם יידישן וויסנשאפטלעכן אינסטיטוט אין ווילנע אין יאר 1929 איז ז. אויסגעקליבן געווארן אלס מיטגליד פון דער צענטראלער פארוואלטונג.

**זילבערשיין** אדאלף הענריק (אברהם צבי) ד״ר. געבארן אין יאר 1882 אין בוטשאטש (מזרח-גאליציע), וואו זיין פאטער איז געווען א צאן-דאקטאר. געענדיקט דעם אוניווערסיטעט אלס ד״ר יורי און פראקטיצירט אלס אדוואקאט אין לעמבערג. אין דער צייט פון מלחמה, אין די יארן 1915—1916, געווען באאמטער אין עסטרייכישן צענטראל-סטאטיסטישן מלוכה-אמט, דערנאך געדינט אין מיליטער אלס אפיציר. נאכן פאגראם אין לעמבערג דעם 22—23 נאוועמבער 1918 זיך פרייוויליק געמעלדעט צו דער הילפס-אקציע פון דער לעמבערגער יידישער באפעלקערונג. דעם 25 נאוועמבער 1918 האט ער אנגעהויבן צו ארבעטן אין צענטראלן יידישן רעטונגס-קאמיטעט אין לעמבערג, איבערנעמענדיק דעם פאסטן פון לייטער פון ביורא, וועלכע ער האט געפירט ביזן יאר 1923, ווען ער איז דעם 5 נאוועמבער 1922 אויסגעוויילט געווארן אלס דעפוטאט פון פוילישן סיים (ביז מערץ 1928).

ז. האט אנטוויקלט א זייער גרויסע געזעלשאפטלעכע טעטיקייט אין גאליציע. צוזאמען מיט ד״ר צעציליא קלאפטען געגרינדעט דעם פארבאנד צו פארשפרייטן פראפעסיאנעלע בילדונג צווישן יידן אין קליין-פוילן (וואו ער איז פארזיצער פון פארוואלטונג), האט אויסגעארבעט די פראיעקטן פון א צענטראלן קארטאטעק-קאטאסטער פון דער יידישער באפעלקערונג אין גאליציע און פון דער ארגאניזאציע פון הילף לויט דעם עלבערפעלדער סיסטעם, האט דורכגעפירט א גענויע לויט וויסנשאפטלעכע מעטאדן צונויפגעשטעלטע סטאטיסטיק פון די יידישע לאנדווירטן אין גאליציע (דארף נאך ווערן פובליקירט אלס מאנאגראפיע), האט פיל געארבעט אין דער גאליציאנער הילפס-צענטראלע פאר „חלוצים עזרה", איז א מיטגליד פון פארוואלטונג פון דער לעמבערגער אפטיילונג און וויצע-פארזיצער פון ראט פון דער ייד. צענטראלער עמיגראציע-געזעלשאפט („יעאס") אין פוילן, ווי אויך א מיטגליד פון עקזעקוטיווע פון „עמיגדירעקט" אין בערלין. ז. איז פארזיצער פון דער לעמבערגער עקספאזיטור (פאר קליין-פוילן) פון ווארשעווער קאאפעראטיוון פארבאנד. וועגן דער יידישער גאליציע האט ז. פובליקירט (לויט מאטעריאלן פון דער ערשטער קוועלע) אן ארטיקל אין לוח „פון יאר צו יאר", 1927.

ז. איז א מיטגליד פון ציוניסטישן אקציאנס-קאמיטעט (פון דער פארטיי „התאחדות") און פון אדמיניסטראטיוון ראט פון דער יידישער אגענץ, ווי אויך א מיטגליד פון ציוניסטישן קאנגרעס-געריכט.

פון יאר 1929 איז ז. דער פארזיצער פון דירעקטאריאט פון פארבאנד פון די יידישע קאאפעראטיווע געזעלשאפטן אין פוילן און מיטגליד פון דירעקציע פון דער באנק פאר קאאפעראטיוון אין ווארשע.

**זלאטקין** ברוך. געבארן אין ווידז (קאוונער גוב., איצט פוילן) אין יאר 1890 ביי רייכע עלטערן. ער ווערט ארייננעצויגן אין דעם פאטערס געשעפטן, אבער גלייכצייטיק פארנעמט ער זיך מיט געזעלשאפטלעכע ענינים. צו 16—17 יאר איז ער שוין א פארוואלטונגס-מיטגליד פון א ריי אינסטיטוציעס אין זיין שטעטל. שפעטער איז ער איינער פון די ערשטע גרינדער פון דער יידישער געזעלשאפטלעכער באנק אין ווידז (פאר דער מלחמה) און אדאנק זיין השפעה טראגט זיין פאטער אריין א געהעריקן קאפיטאל אין באנק, וואס ווירקט פיל מיט צו איר אנטוויקלונג.

אין יענער צייט, ווען דער איינציקער דערציאונגס-אנשטאלט איז געווען דער חדר, האט ז. זיך שוין ארומגעטראגן מיטן גע-

דאַנק וועגן אַ מאָדערנער יידישער שול און האָט געמאַכט באַמיאונגען אין דער הינזיכט, אָבער די מלחמה האָט איבערגעריסן די פּלענער און פאַרשלעפּט ז. קיין דרום-רוסלאַנד. אומקערנדיק זיך אין יאָר 1920 קיין ווידז, געפינט ער אַ פולשטענדיק חרובע שטעטל און ז. נעמט זיך מיט אַ באַזונדערער איבערגעבנקייט און ענערגיע אויפצוריכטן ווידז. ער שטעלט זיך אין נאָענסטן קאָנטאַקט מיטן געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ" און צוזאַמען מיט מענדל קליומעל און יעקב מאַליאַצקי פירט ער אַ גרויסע אויפבויאונגס-אַרבעט ביים איינאָרדענען די רעפּאַטריאַנטן און צוריק אויפשטעלן זייערע הייזער. ניט ווייניקער זאָרגט ער וועגן אויפבויען די געזעלשאַפטלעכע בנינים און אינסטיטוציעס. ער איז פאָרזיצער פון ווידזער הילפס-קאָמיטעט פון „יעקאָפּאָ", ער שאַפט די אָרטיקע קאָאָפּעראַטיווע יידישע פאָלקסבאַנק, וואו ער ווערט אויסגעקליבן אַלס פאָרזיצער, שפּעטער גרינדעט ער אויך די אָרטיקע גמילות-חסדים-קאַסע. צוזאַמען מיט זיין ברודער שמעון שענקט ער אַוועק



אַ פּלאַץ, וואו „יעקאָפּאָ" בוים אויס אַ גרויסע פאָלקסהויז, אין וועלכן ס'געפינט זיך אַ יידישע וועלטלעכע שול און אַ ריי אַנדערע אינסטיטוציעס (ז. אויבן זייטן 185—186 און 193—195). ז. באַטייליקט זיך אויך אין די קאָנפערענצן און באַראַטונגען פון „יעקאָפּאָ" אין ווילנע, וואו ער ווערט אויסגעקליבן אַלס מיטגליד פון פּלענום און העלפט פיל מיט דער אַרבעט פון געגנט-קאָמיטעט. ז. ווערט זייער באַליבט און פּאָפּולער אין דער גאַנצער ווידזער געגנט הן צווישן יידן והן צווישן קריסטן און אין יאָר 1927 ווערט ער אויסגעקליבן אַלס מיטגליד אין קרייז-סיימיק און אין גמינע, אין יולי 1929 אַלס פאָרזיצער פון דער ווידזער קהילה.

דעם 2 סעפּטעמבער 1929 איז ז. נאָך אַ קורצער קראַנקייט געשטאָרבן אין בליענדן עלטער פון 39 יאָר ביי דער פולער ענערגיע פון זיין טעטיקייט. די ידיעה וועגן זיין פּלוצלונגדיקן טויט האָט אַרויסגערופן דעם גרעסטן ווייטאָג ביי דער גאַנצער באַפעלקערונג פון געגנט.

**טשאַרני** דניאל. געבאָרן אין יאָר 1888 אין שטעטל דוקאָר (מינסקער גוב.). זיין פאָטער זאב-וואָלף טשאַרני — אַ הייסער ליובאַוויטשער חסיד איז געשטאָרבן אין די מיטעלע יאָרן, איבערלאָזנדיק זעקס קינדער, פון וועלכע ד. טשאַרני איז געווען ס"ה אָנדערהאַלבן יאָר אַלט. די מוטער



ברכה (געבאָרענע הורוויץ), וואָס האָט געצויגן איר יחוס פונם של"ה הקדוש, האָט מיט גרויס מסירת נפש געהאָדעוועט די פינף זין און בת-יחידה, געבנדיק זיי די בעסטע דערציאונג, וואָס איז נאָר געווען מעגלעך ביי אירע אומשטענדן און ביי די דאַמאָלסדיקע באַדינגונגען. פון די פינף זין אירע האָבן זיך שפּעטער אויסגעשיילט דער באַקאַנטער ליטעראַטור-קריטיקער ש. ניגער, דער ניט ווינציקער באַקאַנטער זשורנאַליסט און כלל-טוער ב. וולאַדעק (דער „צווייטער לאַסאַל") און דער דיכטער און כלל-טוער דניאל טשאַרני.

15 יאָר אַלט האָט ד. טשאַרני, לעבנדיק צוזאַמען מיט די עלטערע ברידער זיינע אין מינסק, זיך שוין אָנגעהויבן אינטערעסירן מיט דער יידישער פּאַרטייאישער און שפּעטער אַ ביסל — אויך ליטעראַרישער געזעלשאַפטלעכקייט. איז געווען אַ לענגערע צייט נאָענט צו די דאַמאָלסדיקע עסעסישע קרייזן (ז. זיינע ערינערונגען, וואָס זיינען געוואָרן פּובליקירט אין דער ניו-יאָרקער „צוקונפט" פאַר די יאָרן 1928—1929, ווי אויך אין „די פּרעסע" (בוענאָס-איירעס) און „נייע פאָלקסצייטונג" (וואַרשע). אָנגעהויבן צו שרייבן אין יאָר 1907. אינם יאָר 1909 וואַנדערט ער אויס קיין ווין און נאָכדעם — אין דער שווייץ, וואו ער פאַרבלייבט ביז — ערב דער וועלט-מלחמה. זומער 1914 קערט ער זיך אום קיין רוסלאַנד, ווערט פאַרכאַפּט דורך די מלחמה-געשעענישן, נעמט אָן אַקטיוון אָנטייל אין דער הילפס-אַקציע פאַר די יידישע פּליטים, וואָס זיינען פאַרטריבן געוואָרן פון ווילנער און קאָוונער גובערניע, פאָרט אַריבער סוף 1915 קיין מאָסקווע, וואו ער אָרגאַניזירט די ערשטע יידישע קינדערהיים אין מאַרינע-ראָשטשע (אַ מאָסקווער פאָרשטאָט) און אַרבעט אַ לענגערע צייט אין מאָסקווער „אָפּע" (מפיצי השכלה). אינם יאָר 1916 פאָרט ער אַריבער קיין פּעטראָגראַד, וואו ער אַרבעט אַ לענגערע צייט אין „יעקאָפּאָ". נאָך דער פעברואַל-רעוואָלוציע קערט ער זיך אום קיין מאָסקווע, וואו ער ווערט סעקרעטאַר פון דער דאַמאָלסדיקער „פאָלקס-פּאַרטיי" ביז זי ווערט אויפגעלייזט פון זיך אַליין (סוף 1917). אין מאַי 1918 נעמט ער אָן אַ פּאָסטן אין דער פאַרלעגערישער אָפּטיילונג פונם דאַמאָלסדיקן יידישן קאָמיסאַריאַט, אויף וועלכן ער פאַרבלייבט ביז סוף 1922 און אין משך פון דער דאָזיקער צייט קומט אים אויס אַ סך צו באַשעפטיקן זיך מיט די יידישע רעפּאַטריאַנטן, ווי אויך מיט די יידישע עמיגראַנטן, וואָס האָבן אָנגעהויבן זיך ציען צו זייערע משפּחה-לייט אין די מעבר לים מדינות. גלייכצייטיק שרייבט ער קינדער-מעשיות, לידער און פירט אַ זשורנאַליסטישע טעטיקייט. סוף 1922 וואַנדערט ער אויס קיין בערלין, וואו ער פאַרבלייבט ביז סוף 1923, באַקענט זיך ברייט מיט דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט פון אויסלאַנד, פּובליקירט איינציקע אַרטיקלען וועגן דער יידישער לאַגע אין רוסלאַנד, קערט זיך אום קיין מאָסקווע, וואו ער פאַרבלייבט ניט מער, ווי אַ קאַרגן יאָר און סוף 1924 באַזעצט ער זיך אין בערלין, אָנשליסנדיק זיך אָן דער דאָרטיקער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט.

סוף 1925 פּרובירט ער מאַכן אַ באַזוך זיינע ברידער אין אַמעריקע, ווערט אָבער פאַרהאַלטן אין עליס-איילאַנד און פון דעמאָלט אָן האָט ער זיך אָפּגעגעבן דער רעטונגס-אַרבעט פאַר דעם יידישן עמיגראַנט. ער פּובליקירט זעקס גרויסע אַרטיקלען וועגן „עליס-איילאַנד", וועלכע ווערן איבערגעדרוקט אין אַ גאַנצער ריי יידישע צייטונגען פון גאָר דער וועלט און אינם יאָר 1927 נעמט ער אָן דעם פּאָסטן פון אַ פּרעסע-שעף ביי דער פאַראייניקטער עמיגראַציע-געזעלשאַפט „היאַס-עמיגדירעקט", וואו ער ווערט אַ ביסל שפּעטער אויך מיטרעדאַקטאָר (צוזאַמען מיט א. טשעריקאָווער) פונם זשורנאַל „די יידישע עמיגראַציע", אָרגאַן פון „עמיגדירעקט" אין בערלין (דאָס לעצט-ערשינענע ביכל: יאַנואַר—פעברואַר 1930). אָנהויב 1928 ווערט ער אויך אויסגעקליבן אַלס עקזעקוטיוו-מיטגליד פון „היאַס-עמיגדירעקט". פּסח-צייט 1929 מאַכט ער אַ רייזע דורך די יידישע ישובים פון ליטע, לעטלאַנד און פּוילן און באַשרייבט (אין אַמעריקאַנער „טאָג" א. א.) אין אַ סעריע אַרטיקלען די לאַגע פון די יידישע ישובים אין די ראַנד-לענדער, אָפּשטעלנדיק זיך באַזונדערס אויף דער יידישער עמיגראַציע-נויט.

ד. טשאַרני איז אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער פון „טאָג" (ניו-יאָרק), „די פּרעסע" (בוענאָס-איירעס), פון די זשורנאַלן „צוקונפט", „אויפקום" (ניו-יאָרק), „ליטעראַרישע בלעטער" (וואַרשע), „די גרינינקע ביימעלעך" (ווילנע) א. א., האָט געדרוקט אַ ריי אַרטיקלען (וועגן דער יידישער ליטעראַטור אין סאָוועט-רוסלאַנד א. א.) אין „ביכערוועלט" (וואַרשע, 1928—1929) און פיל אַנדערע צייטשריפטן און אויסגאַבן. אין אַ בוך-פאָרם זיינען ערשינען זיינע קינדער-מעשהלעך: „דער קאַטער אין שטיוול", „דער גאָלד-דורשטיקער קיסר", די „פאַרכשופטע קרעטשמע", „ווי אַזוי איך קום אויף דער לבנה" א. א.; די לידער-זאַמלונג „לייכטע פערזן" (פאַרלאַג „קולטור", ריגע 1925); „משפחה-כראָניק" (עראינערונגען, פאַרלאַג ב. א. קלעצקין, ווילנע 1927); „אונטערוועגס" (לידער, בערלין 1929).

**טשערניאַקאָוו** אַדאַם, אינזש., געבאָרן אין וואַרשע אין יאָר 1880 אין אַ סוחרישער פאַמיליע. געענדיקט די וואַרשעווער פּאָליטעכניק מיטן טיטל אינזשענער-טעכנאָלאָג און די פּאָליטעכניק אין דרעזדן.



געווען אייניקע יאָר אַן אַסיסטענט ביי אייַנער פון די קאַטעדרעס אין וואַרשעווער פּאָליטעכניק. גלייכצייטיק האָט ער זיך פאַרנומען מיט בילדונגס-טעטיקייט אין דעם וואַרשעווער פוילישן „אוניווערסיטעט פאַר אַלעמען", אַ האַלב-לעגאַלער אינסטיטוציע, בראש פון וועלכן ס'זיינען געשטאַנען די אַלטע קעמפער פון פוילישן סאָציאַליזם, ווי רעכניעווסקי, אַבראַמאָוויטש און קזשיוויצקי און וועלכער איז ליקווידירט געוואָרן פון דער רוסישער מאַכט. אין דעם דאָזיקן „אוניווערסיטעט" האָט ט. פאַרנומען דעם אַמט פון אַ סעקרעטאַר פון דעם וויסנשאַפטלעכן קאָמיטעט און האָט געהאַלטן פיל רעפעראַטן. דערנאָך האָט ער געאַרבעט אין דער געזעלשאַפט פון „פוילישער קולטור" און איז פון איר אַרומגעפאָרן אין דער פּראָווינץ, וואו ער האָט, ווי אויך אין וואַרשע, געהאַלטן רעפעראַטן דערהויפּט אויף נאַטורוויסנשאַפטלעכע טעמעס. אין די דאָזיקע ביידע אָרגאַניזאַציעס, דער עיקר



אין „אוניווערסיטעט פאַר אַלעמען", האָט זיך באַטייליקט אַ היפּש ביסל סאָציאַליסטיש-געשטימטע יידישע יוגנט. אינגיכן באַשליסט אָבער ט. אַריבערצוגיין אַרבעטן אויף דער יידישער גאַס און אָפּגעבן זיינע כוחות באַזונדערס דער יידישער מלאכה, מיט די פאַרשטייער פון וועלכער ער האָט זיך ניט איינמאָל געטראָפן ביי דער בילדונגס-אַרבעט אויף דעם אויבן-אָנגערופענעם געביט. ער האָט אָנגעהויבן געבן לעקציעס אין דער האַנטווערקער-שול ביי דער וואַרשעווער גמינע, וואו ער האָט געפירט די אַרבעט אין משך פון 13 יאָר אָן אַ הפסקה. אין דער צווישנצייט איז ט. אַריינגעטראָטן אין דעם „האַנטווערקער-קלוב", וועלכער האָט דאַן עקסיסטירט אין וואַרשע אויף זימנע גאַס און האָט אינגיכן אָנגעהויבן שפּילן אַ קענטיקע ראָל אין דעם יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין וואַרשע. די אָרגאַניזאַציע איז בסדר געוואַקסן און האָט זיך אין אַ קורצער צייט אַרום אַריבערגעקליבן אין אַן אַנדער לאָקאַל אויף לעשנאָ 42, וואו ס'איז געלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פון דעם קינפטיקן האַנטווערקער-פאַרבאַנד, וואו ט. אַרבעט אין משך פון פיל יאָרן און פון דער הילפס-קאַסע פון וועלכער (נאָך פון זימנע גאַס) ס'האָט זיך שפּעטער אויסגעבילדעט די איצטיקע האַנטווערקער-באַנק אין וואַרשע. ס'איז אָנטשטאַנען, צוליב פּאָליטישע קאַמפן, אַ צווייטע האַנטווערקער-אָרגאַניזאַציע אויף נאַלעווקעס און דער פאַרבאַנד איז געשפּאָלטן געוואָרן, האָט ט. אין משך פון עטלעכע יאָר געאַרבעט איבער דעם, אַז ס'זאָל צוריק געשאַפן ווערן אַן איינהייטלעכע פאַראייניקטע האַנטווערקער-אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל קענען שפּילן אַ גרעסערע און ווירדיקערע ראָל אין יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן פון פוילן,—און מיט דער הילף פון אייניקע האַנטווערקער-טוער איז דער צוועק דערגרייכט געוואָרן. ט. האָט פיל געאַרבעט, אַלס פאַרטרעטער פון דער אָרגאַניזאַציע, אויף צו פאַרטיידיקן די רעכט פון דער מלאכה און די פרייהייט פון פאַך און האָט שטאַרק געקעמפט קעגן דער איינפירונג פון נייעם צעכן-געזעץ, אין וועלכן ס'האָט זיך אים אויך איינגעגעבן צו מילדערן געוויסע פּראָיעקטירטע תקנות אָדער אייניקע פון זיי אינגאַנצן צו באַזייטיקן (האָט אויך אָפּגעדרוקט וועגן דער פראַגע אַ בראָשור, אַרויסגעגעבן פון צענטראַלן ייד. האַנטווערקער-פאַרבאַנד).

פון יאָר 1919 האָט זיך ט. פיל פאַרנומען מיט דער אויפבויאונג פון די מלחמה-חורבנות. צום אָנהויב איז ער געווען באַשעפטיקט אין פוילישן מיניסטעריום פאַר געזעלשאַפטלעכע אַרבעטן, שפּעטער האָט ער געאַרבעט אין דזשוינט (ד. ד. ק.) אין



וואַרשע אַלס לייטער פון דער אָפּטיילונג אָפּצובויען די יידישע הייזער, וואָס זיינען חרוב געוואָרן פון דער מלחמה און אין דערזעלבער אָפּטיילונג (ביי דער באַנק פאַר קאָאָפּעראַציע), וועלכע איז דערנאָך אַריבער צו דער „פונדיישן". אונטער זיין אָנפירונג זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן הלוואות (וועלכע ער האָט היפּאָטעקאַריש פאַרזיכערט אין גאָלד און דערמיט אויפגעהיט די געלטער פון דזשוינט בעת דער דעוואַלוואַציע און פאַרשיידענע קריזיסן) אויף העלפן אָפּבויען אייניקע טויזנט הייזער און בנינים, וואָס זיינען צושטערט געוואָרן פון מלחמה אין די יידישע שטעטלעך אויף די קרעסן און אַ טייל קאָנגרעס-פוילן. אין די דאָזיקע ענינים אויך געשטאַנען אין אַ קאָנטאַקט מיט „יעקאָפּאָ" אין ווילנע. ט. האָט אויך פּובליקירט אייניקע וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן פון זיין פאַך, ווי אויך וועגן די חורבנות און אויפבויאונג פון די הייזער און בנינים, וואָס זיינען צעשטערט געוואָרן פון דער מלחמה (די דאָזיקע אַרבעטן זיינע, ווי אויך זיין קאַרטע פון די אָנגערופענע חורבנות, זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן פון פוילישן מיניסטעריום), וועגן פּראָפעסיאָנעלער בילדונג (אין „יידישן האַנטווערקער", יובילעאום-אַלמאַנאַך געווידמעט דער 10-יאָריקער עקסיסטענץ פון צענטראַלן האַנטווערקער-פאַראיין אין פוילן, וואַרשע, 1924. ט. איז דאַן געווען פאָרזיצער פון פאַראיין) א. א. האָט מיטגעאַרבעט אין דער „האַנטווערקער-צייטונג". אַ געוויסע צייט איז ט. אויך געווען דער רעפערענט פון די ענינים פון פּראָפעסיאָנעלער בילדונג ביים דזשוינט, וועלכער האָט צוזאַמען מיט יק"א דורכגעפירט אַן אַקציע וועגן באַזאָרגן די פאַך-שולן מיט טעכנישע מכשירים און מאַשינעס. אונטער זיין אויפזיכט זיינען אויפגעבויט געוואָרן צוויי פּראָפעסיאָנעלע שולן (אין בריסק און פינסק) און די קאָלאָניע פון ד. ד. ק. פאַר היימלאָזע אין בריסק. אין יאָר 1927 איז ער אַוועק פון זיין פּאָסטן אין דזשוינט און „פונדיישן" און פאַרנעמט זיך מיט אַ אינדוסטריעלער אונטערנעמונג.

ביי די וואַלן צום סיים און סענאַט אין יאָר 1928 איז ט. געווען אַרויסגעשטעלט אויף דער ליסטע פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן אַלס קאַנדידאַט אויף וואַלן. פון יאָר 1927 איז ט. אַ ראַטמאַן פון וואַרשעווער שטאָטראַט און אַ מיטגליד פון קאָמיטעט פונאַנדערצובויען די הויפּט-שטאָט וואַרשע.

**טשערניכאָוו** יוסף, אדוו. געבאָרן אין יאָר 1882 אין סלאָנים (ווייסרוסלאַנד) אין אַ פאַרמעגלעכער פאַבריקאַנטישער משפּחה. פון 13-טן יאָר זיך געלערנט אין פינסק, וואו ער איז אויסגעוואַקסן אין דער

רירעוודיקער נאציאנאלער און ציוניסטישער סביבה (די משפחה ווייצמאן א. אז. וו.) פון דער דאזיקער שטאט. דערנאך אנגעקומען אין דער קאמערץ-שול אין זגערזש (ביי לאדז), וועלכע ער האט געענדיקט אין יאר 1903. שוין אין זגערזש הויבט זיך אן זיין געזעלשאפטלעכע און פאליטישע ארבעט און זיין נאציאנאלע ווירקונג אויף די שילער פון זגערזש און לאדז, פון וואנען עס זיינען שפעטער ארויסגעקומען א סך יידישע געזעלשאפטלעכע און פאליטישע טוער.

אין 1903 שטייט ט. צו צום פראלעטארישן ציוניזם, ווערט איינער פון די גרינדער און וויכטיקסטע פראפאגאנדיסטן פון דער ס. ס.-באוועגונג אונטערן פסעוודאנים דניאלי. געשריבן אין אלע אויסגאבן פון ס. ס. און ארויסגעגעבן אין 1906 צוויי בראשורן: „אונזערע קריטיקער" (אין יידיש, ביכער-פארלאג „צוקונפט", ווילנע, דרוקעריי פיראזשניקאוו, 1906, ז. 89, פאלעמיק מיטן „בונד" און באגרינדונג פון דער ס. ס. טעאריע) און אויף רוסיש — „וועגן סיים און צוליב דעם סיים" (קריטיק פון דער דעמאלט אנטשטאנענער ייד. סאצ. פארטיי „סיימאוויצעס"). געשריבן בפרט איבער יידישע עקאנאמישע פראגן. סוף 1906 ביז מיטן 1907 באזוכט ווי א שליח פון ס. ס. אמעריקע, וואו ער איז ארויסגעטראטן אין 25 שטעט פון די פאראייניקטע שטאטן און קאנאדע.

שטודירט פון אנהויב אין בערן און שפעטער אין כארקאוו, וואו ער האט געענדיקט אין 1911 דעם יורידישן פאקולטעט. זיך באזעצט ווי אן אדוואקאט אין ווילנע, וואו ער איז גלייך ארויסגעטראטן אין א ריי באקאנטע פראצעסן, ווי למשל, אין פראצעס פון צ. ק. פון דער ציוניסטישער פארטיי א. א.

אין דער מלחמה-צייט געווען אין כארקאוו, דערנאך זומער 1915 געקומען אין פעטערבורג, וואו ער איז געווען איינגעלאדן ווי א יוריסקאנסולט פון יידישן דעפוטאטן-ביורא. אין משך פון 1½ יאר אנטוויקלט דא א גרויסע ארבעט פאר די ארויסגעשיקטע דורך ניקאלאי ניקאלאיעוויטש און גענעראל יאנושקעוויטש, וואס האט דורכן פאליציי-דעפארטאמענט (וואו טשערניכאוו איז אזוי ווי געווארן דער פארשטייער פון יידן; באשריבן אין א בלעטל זכרונות אין יובליי-בוך פון „היינט", ווארשע, 1928), געבראכט צום ראטעווען פון הונדערטער און הונדערטער יידן. אין פעטערבורג האט ער צוזאמען מיט י. יעפראיקין, נ. שטיף און וו. לאצקי-בערטאלדי געגרינדעט די „דעמאקראטישע פאראייניקונג", וועלכע איז שפעטער פארוואנדלט געווארן אין דער „יידישער פאלקס-פארטיי". געווען מיטגליד פון דער ערשטער גרינדונגס-קאנפערענץ אין פעטערבורג אויף צוזאמענרופן די



יידישע נאציאנאלע פארזאמלונג אין רוסלאנד. אין דער גאנצער צייט פון דער עקסיסטענץ פון דער צייטווייליקער רעגירונג געווען א באאמטער פאר ספעציעלע שליחותן ביים מיניסטער פון אינערן. נאך דער אקטאבער-רעוואלוציע געוואוינט אין כארקאוו. געווען וויצע-פארזיצער פון כארקאווער קהילה און איינער פון די הויפט-רעדנער פון דער יידישער נאציאנאלער פארזאמלונג אין קיעוו אין יאר 1918. 1919—1921 פארבראכט אין כאהקאוו ווי א פארטיידיקער אין די רעוואלוציאנערע טריבונאלן (באשריבן א ריי פון זיינע פראצעסן אין א סעריע ארטיקלען אין ווארשעווער „היינט" 1925, גייט אינגיכן ארויס אין א בוך-פארם).



סוף 1921 געקומען קיין קאונע, וואו אין משך פון 2 יאר געווען דירעקטאר פון ליטווישן „היאס" און געארבעט אויפן פעלד פון יידישער עמיגראציע. גענומען אן אנטייל אין אלע ליטווישע קהילות-צוזאמענפארן און געווען מיטגליד פון נאציאנאל-ראט. מיטגעארבעט און א געוויסע צייט רעדאגירט די דעמאקראטישע צייטונג „נייס" און ארויסגעגעבן א זאמל-בוך „ארבעט".

אינמיטן 1924 זיך אומגעקערט קיין ווילנע און צו אדוואקאטור. טרעט ארויס אין די וויכטיקסטע פאליטישע און געזעלשאפטלעכע פראצעסן פון ווייסרוסלאנד. צוזאמען מיט ד"ר צ. שאבאד און ה. ד. נאמבערג געגרינדעט אין יאר 1926 דעם „פרייען געדאנק" (ארויס 6 נומערן, 1926—1927), וואו אפגעדרוקט א סעריע אידעאלאגישע ארטיקלען אויף עקאנאמישע און קולטור-געשיכטלעכע טעמען. ט. איז א ראטמאן פון ווילנער שטאטראט און יידישער קהילה. אין יאר 1928 קאנדידאט צום סיים אויפן צעטל פון בלאק פון די נאציאנאלע מינדערהייטן. איז א נאענטער מיטארבעטער פון צענטראלן בילדונגס-קאמיטעט (צ.ב.ק.) אין ווילנע און פון וויסנשאפטלעכן אינסטיטוט (אויף דער קאנפערענץ פון וועלכן אין יאר 1929 אויסגעקליבן אלס מיטגליד פון ראט), אין וועמענס שליחות ער האט סוף 1929—אנהויב 1930 באזוכט רומעניע.



**יאכוועד** יעקב, אדוו. געבארן אין יאר 1889 אין ווילנע ביי סוחרישע עלטערן. געלערנט אין חדר, אין רוסיש-יידישער אנפאנגס-שול פון לאזארעוו און קאמערץ-שול אין ווילנע, אפגעגעבן עקסטערן-עקזאמען אין ריאזאנער 2-טער גימנאזיע אין יאר 1909 און אין זעלבן יאר אנגעקומען אין מאסקווער אוניווערסיטעט אויף דעם יורידישן פאקולטעט. אין יאר 1913 געענדיקט דעם אוניווערסיטעט און 1914 אוועק אין רוסישן מיליטער, פון וועלכן אין יאר 1919 זיך אומגעקערט קיין ווילנע זייענדיק אויפן פראנט, אויף די ערשטע פאזיציעס, בעת דער וועלט-מלחמה און דערנאך אלס קריגס-געפאנגענער אין דייטשלאנד. אין יאר 1920 אריינגעטראטן אין דער אדוואקאטור אלס געהילף-אדוואקאט, אין יאר 1927 געווארן אדוואקאט.

אין די יארן 1904—1905 אלס שילער פון ווילנער קאמערץ-שול געווען טעטיק אין דער שילער-ארגאניזאציע פון דער רוסישער סאציאל-דעמאקראטישער פארטיי. דערביי געווען ארעסטירט צוויי מאל אויף שילער-פארזאמלונגען, וועלכע זיינען אנגעפירט געווען איינע פון דעם שפעטערדיקן סאוועטישן געזאנדטן אין בערלין קרעסטינסקין און די צווייטע דורך דער באקאנטער רעוו. טוערין פרוי גאלדמאן. נאכן צווייטן ארעסט, ביי וועלכן געזעסן 3 חדשים אין תפיסה אויף לוקישקעס, אויסגעשלאסן געווארן פון דער שול.

נאכן אננעמען אין אוניווערסיטעט באקומען א מעלדונג פון רעקטאר, אז דער אויפנאם פון אלע יידן אין יאר 1909 איז צוריקגעצויגן לויט דער פאראָרדענונג פון מיניסטער קאסא. אין דער צייט, ווען די אויסגעשלאסענע האבן אונטערנומען טריט אין מיניסטעריום וועגן דער אומדערהערטער זאך, האט זיין פאטער אנגעגעבן א באזונדערע בקשה צום קייזער ניקאלאי. שוין אין א לאנגער צייט נאכדעם, ווען ער איז צוזאמען מיט אלע אויסגעשלאסענע יידן צוריק אנגענומען געווארן, האט זיין פאטער באקומען א תשובה פון קייזערס קאנצעלאריע, אז זיין בקשה קען ניט באפרידיקט ווערן. אזוי-ארום קען מען זאגן, אז י. האט שטודירט קעגן דעם קייזערס ווילן.

אין יאר 1920 איז י. געווארן יוריסקאנסולט פון געגנט-קאמיטעט „יעקאפא" אין ווילנע. פון יאה 1923 — יוריסקאנסולט אויך פון דער ווילנער צענטראלער קאאפעראטיווער פאלקס-באנק. מיטארבעטער פון פנקס פון „יעקאפא".

**יאכעלמאן** דוד, ד"ר. ז. ווייטער.

**יאנאווסקי** שמואל. געבארן אין יאר 1878 אין פעטערבורג. געענדיקט דארט דעם יורידישן פאקולטעט אין יאר 1899. האט גענומען אנטייל אין צוזאמענשטעלן

דעם גרויסן סטאַטיסטישן ווערק פון יק"אַ: „זאַמל-בוך פון מאַטעריאַלן וועגן דער עקאָנאָמישער לאַגע פון יידן אין רוסלאַנד" (רוסיש, 1904).

פון יאָר 1904 איז ער געווען פאַרוואַלטער פון עמיגראַציע-ביוראָ פון יק"אַ אין רוסלאַנד, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן נאָכן קעשענעווער פּאָגראָם, ניט קוקנדיק אויפן ווידערשטאַנד פון די אַסימילאַטאָרישע עלעמענטן אין רוסישן און מערב-אייראָפּעאישן יידנטום. דאָס ביוראָ האָט זיך אינגיכן פאַרוואַנדלט אין אַ ברייט-פאַרצווייגטע אָרגאַניזאַציע מיט אָפּטיילונגען אין עטלעכע הונדערט שטעט און שטעטלעך פון רוסלאַנד און פוילן. דאָס עמיגראַציע-ביוראָ



האָט געשאַפן אַ גרויסע ליטעראַטור אין די עמיגראַציע-ענינים. דאָס וויכטיקסטע ווערק איז געווען דאָס ענציקלאָפּעדישע „האַנט-בוך וועגן עמיגראַציע-פראַגן" (רוסיש) אונטער דער רעדאַקציע פון ש. יאַנאָווסקי און אַ. קאַסטעליאַנסקי, וואָס איז אַרויס אין פעטערבורג אין יאָר 1914, אייניקע חדשים פאַר דער מלחמה. פון יאָר 1907 האָט דאָס ביוראָ אַרויסגעגעבן אַ זשורנאַל: „דער יידישער עמיגראַנט" (פריער אין פעטערבורג, דערנאָך אין ווילנע). אין יאָר 1913 איז די אָרגאַניזאַציע קאָנסאָלידירט געוואָרן דורכן צוזאַמענפאָר אין ווילנע, אין וועלכן עס האָבן אָנטיילגענומען בערך 200 פאַרטרעטער פון די וויכטיקסטע צענטערס פון דער יידישער עמיגראַציע.

יאַנאָווסקי האָט אָנגעשריבן אַ ריי אַרטיקלען איבער עמיגראַציע און אַנדערע געזעלשאַפטלעכע פראַגן אין פאַרשיידענע זשורנאַלן אין רוסלאַנד: „יעווריייסקאַיאַ זשיזן", „זשורנאַל מיניסטערסטוואַ יוסטיציי" און אַנדערע, און אין די לעצטע יאָרן — אין דער העברעאישער צייטונג „הארץ" אין ארץ-ישראל און אין „העולם". אין איינצלנע אויסגאַבן זיינען ערשינען זיינע ווערק (אויף רוסיש): „יעווריייסקאַיאַ נוזשדאַ אי בלאַגאָטוואָריטעלנאָסט" (די יידישע נויט און די וואוילטעטיקייט) [1902], „טרודאָוואָי עלעמענט וויעווריייסטווע" (דער האָרעפּאַשנער עלעמענט ביי יידן) [1918], „פּערספּעקטיווי יעווריייסקאַי זשיזני" (די פּערספּעקטיוון פון יידישן לעבן) [1916], אונטער דעם פּסעוודאָנים [S. Nistar] און אַנדערע.

יאַנאָווסקי איז געווען איינער פון די טעטיקע מיטגלידער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין פעטערבורג. (ס'איז כדאַי צו דערמאָנען, אַז נאָך אין יאָר 1902—1903 האָט ער צוזאַמען מיט י. יאַשונסקי ביי דער מיטווירקונג פון אַ קליינער גרופּע פון סטודענטן צונויפגעשטעלט דעם ערשטן ביבליאָגראַפישן האַנט-בוך וועגן ציוניזם אויף רוסיש — „אוקאַזאַטעל ליטעראַטורי אָ סיאָניזמע", וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין יאָר 1903 ביי דער מיטהילף פון ג. בעלקאָווסקי אין פעטערבורג, — זייטן 212, נומערן איבער 4.000 מיט אָנווייזונגען, — און וואָס האָט געלייגט דעם יסוד פאַר דער ביבליאָגראַפיע וועגן ציוניזם פון דער נייערער צייט). אַז דער צענטראַל-קאָמיטעט פון די רוסישע ציוניסטן איז אַריבער קיין פעטערבורג, איז ער געוואָרן איינער פון זיינע מיטגלידער, און איז פאַרבליבן אין אים ביז 1918. אין די לעצטע יאָרן האָט ער זיך באַזעצט אין ארץ-ישראל. אָנהויב יאָר 1930 האָט ער לויט דעם אויפטראַג פון „היקעם" אין פּאַריז אונטערגענומען אַן אינספּעקציע-רייזע איבער די עמיגראַציע-אָפּטיילונגען אין פוילן און האָט אויך באַזוכט דעם געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ" אין ווילנע, מיט די אַרבעטן פון וועלכן ער האָט זיך נעענטער באַקאַנט נאָך אין יאָר 1923, ווען ער האָט אים באַזוכט לויט דעם אויפטראַג פון יק"אַ.

**יאַשונסקי** יוסף. געבאָרן אין גראָדנע אין יאָר 1881. אין יאָר 1900 געענדיקט די גראָדנער גימנאַזיע, אין 1904 — דעם פעטערבורגער אוניווערסיטעט (פיזיקאַ-מאַטעמאַטישן פאַקולטעט), שטודירט אויך אין דער טעכנישער הויכשול אין שאַרלאָטענבורג-בערלין. אין די יוגנט-יאָרן געווען אַ ציוניסט, זיך באַטייליקט אין דער פּאַרטיי-אַרבעט, געווען אַ דעלעגאַט אויפן ציוניסטישן קאָנגרעס, אָנטיילגענומען אין צונויפשטעלן דעם ערשטן ביבליאָגראַפישן וועגווייזער אויף רוסיש וועגן ציוניזם, געווידמעט דער נאַציאָנאַלער ביבליאָטעק אין ירושלים („אוקאַזאַטעל ליטעראַטורי אָ סיאָניזמע", פעטערבורג 1903. ז. אויבן). דערנאָך אַוועק פון דער באַוועגונג. אין די יאָרן 1908—1912 געווען פון די נאָענטסטע מיטאַרבעטער פון „פריינד" זינט זיין גרינדונג און פיל געשריבן אונטערן פּאָפּולער-געוואָרענעם דאַן פּסעוודאָנים בן-חיים. אין דערזעלבער צייט געדרוקט אַרטיקלען אין די רוסיש-יידישע זשורנאַלן, רוסישע יורידישע אָרגאַנען און איבערזעצט אויף רוסיש אַ ריי וויכטיקע וויסנשאַפטלעכע ווערק. אין די יאָרן 1912 — 1914 געווען נאָענטסטער מיטאַרבעטער פון דער באַקאַנטער ענציקלאָפּעדיע בראָקהויז-עפראָן אויף רוסיש (אין דער גרויסער ענציקלאָפּעדיע איז ער געווען סעקרעטאַר פון רעדאַקציע, אין דער קליינער — אַ רעדאַקטאָר). שפּעטער ווידער אָנגעהויבן צו שרייבן יידיש.



אין יאָר 1920 זיך אומגעקערט קיין פוילן און באַזעצט אין ווילנע. זינט יאַנואַר 1921 געאַרבעט אין „אָרט". זיך באַטייליקט אין דער קאָנפערענץ פון „יעקאָפּאָ" וועגן דער פאַרזאָרגונג פון מלחמה - יתומים (26 סעפּטעמבער 1922), אויף וועלכער ער האָט געהאַלטן אַ רעפעראַט וועגן דער פּראָפעסיאָנעלער אויסבילדונג פון די יתומים. אין די יאָרן 1924—1928 פאַרנומען דעם פּאָסטן פון דירעקטאָר אין דער יידישער רעאַל-גימנאַזיע פון צ. ב. ק. אין ווילנע. אין סעפּטעמבער 1928 איז ער אַרויסגעפאָרן פון ווילנע און זיך באַזעצט אין וואַרשע, וואו צוזאַמען מיט ד"ר מ. זילבערפאַרב פאַרוואַלטעט ער מיט די ענינים פון דער געזעלשאַפט „אָרט" אין פוילן.

גלייכצייטיק פירט ער אויך ווייטער זיין ליטעראַריש-וויסנשאַפטלעכע אַרבעט (אויף יידיש). אין יאָר 1927 איז אין פאַרלאַג „קולטור-ליגע", וואַרשע, אַרויס זיין בוך „נאַטור און מענטש. אַלטע, נייע און נייסטע דערגרייכונגען אין נאַטורוויסנשאַפט און טעכניק". זינט 1929 רעדאַקטירט ער די פּאָפּולער-וויסנשאַפטלעכע ביבליאָטעק „נאַטור און קולטור" (פאַרלאַג „קולטור-ליגע", וואַרשע ביז אַפּריל 1930 ערשינען 9 ביכלעך). אין זשורנאַל „אונזער צייט" (1928) און אין די „אָרט-ידיעות" (זינט 1929) האָט ער פאַרעפנטלעכט אַרטיקלען וועגן ראַציאָנאַליזירונג. אויף ליטעראַריש-ביבליאָגראַפישע טעמעס (און רעצענזיעס) האָט ער געשריבן אין „ביכער-וועלט", „ליטעראַרישע בלעטער" א. א. אין דער „פאָלקס-צייטונג", וואַרשע, פירט ער זינט 1923 אַ סעריע „שמועסן וועגן נאַטורוויסנשאַפט און טעכניק" (וועכנטלעכע פעליעטאָנען), וועלכע האַלטן שוין ביי קרוב 300 אַרטיקלען, מיטאַרבעטער פון יוו"אָ.

**יעווזעראָוו** מרדכי. געבאָרן אין יאָר 1883 אין ניעזשין (טשערניגאָווער גוב.) ביי סוחרישע עלטערן (זיין זיידע איז געווען אַ גלאַסני אין שטאָט - דומע, זיין קוזין מענדל—עמנואל לוואָוויטש—אַ פּאָפּולערער אויף דרום-רוסלאַנד הויפּט-פאַרטרעטער פון גרויסע פאַרזיכערונגס - געזעלשאַפטן, ווערט דערמאָנט ביי שלום-עליכם'ען; אויך דער באַקאַנטער מסיף יעווזעראָוו געהערט צו דער פאַמיליע). געענדיקט אַ שטאָטישע שול, געווען אַן עקסטערן. פון יאָר 1902 הויבט אָן זיין געזעלשאַפטלעך-פּאָליטישע טעטיקייט אלס טוער אין „בונד". אין יאָר 1904—1905 געווען אין דער שווייץ, וואו י. האָט צוזאַמען מיט אבראַם מוטניק געבראַכט אין אָרדענונג דעם ארכיוו פון „בונד" אין גענף (איצט אין בערלין). סוף 1905 קערט ער זיך אום צוריק קיין רוסלאַנד און אַרבעט אין דער פּאַרטיי. געווען עקספּעדיטאָר פון די ווילנער בונדישע טעגלעכע צייטונגען „וועקער", „פאָלקסצייטונג" און „האָפנונג" (1905—1907), פריוואַט געאַרבעט אלס אַנגעשטעלטער.

אין יאָר 1914 געאַרבעט אין ווילנער הילפס-קאָמיטעט צוזאַמען מיט זיין ברודער דוד יעווזעראָוו (שפּעטערדיקער פאַרוואַלטער פון די אַרבעטס-ביוראָען פון „אָרט" אין רוסלאַנד, געשטאָרבן אין יאָר 1923 אין מאָסקווע), אין יאָר 1915 אָפּגעפאָרן פון ווילנע (צוזאַמען מיטן באַראָן אָסיפּ דאַווידאָוויטש גינזבורג, ב. אייסוראָוויטש און י. ווערניק, וועלכע האָבן אויך דאָן געאַרבעט אין ווילנער הילפס-קאָמיטעט), ערב דעם פאַרנעמען די שטאָט דורך די דייטשן, קיין מינסק, וואו ער איז באַשטימט געוואָרן אלס באַפולמעכטיקטער פון צענטראַלן קאָמיטעט פון „יעקאָפּאָ" אין פּעטערבורג, פריער אויף סלוצקער ראַיאָן, דערנאָך אויף מינסקער גובערניע און נאָכן פאַרנעמען מינסק דורך די דייטשן אין יאָר 1918 — אויף וויטעבסקער, מאָהילעווער און סמאָלענסקער גוב. אָנהויב 1919 איז י. צוריקגעקומען קיין ווילנע, געאַרבעט אין רויטן קרייז אלס פאַרשטייער פון ווילנער „יעקאָפּאָ", ביי וועלכן ער איז פריער געווען באַפולמעכטיקטער, דערנאָך מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע פון יאָר 1919 ביז איצט און געווען פאַרוואַלטער פון דער יתומים-אָפּטיילונג. מיטן גרינדן אין ווילנע די צענטראַלע קאָאָפּעראַטיווע פאָלקסבאַנק אין יאָר 1921 איז י. אויסגעקליבן געוואָרן אלס מיטגליד פון פאַרוואַלטונג און אין יאָר 1928 — מיטגליד פון דירעקציע פון דער באַנק. י. איז אויך מיטגליד פון פּרעזידיום פון צ. ב. ק. אין ווילנע, מיטגליד פון שטאָטישן קאָמיטעט יוו"אָ אין ווילנע, געווען מיטגליד פון די קאָמיטעטן „אָרט", „אָזע" א. א.



י. האָט אָפּגעדרוקט פאָלגנדע ביבליאָגראַפישע אַרבעטן: 1) „די יידישע אַרבעטער-באַוועגונג אין דאַטן" 1876—1922 און „די פּרעסע פון „בונד" 1896—1922 (אין בונדישן זאַמלבוך „25 יאָר", פאַרלאַג „די וועלט", וואַרשע, 1922); 2) „צו דער ביבליאָגראַפיע פון „בונד" (אין „אַרבעטער-לוח" אויף דאָס יאָר 1925, זעקסטער יאָרגאַנג, וואַרשע). האָט אין מאַנוסקריפּט אַ פּאַרטיקע גרעסערע ביבליאָגראַפישע אַרבעט וועגן דער גאַנצער ליטעראַטור און פּרעסע (לעגאַלע און אומלעגאַלע) פון דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג (דערהויפּט פון „בונד") פון די 70-קער יאָרן ביז אויף הייַנטיקן טאָג.

**כהן** בערנאַרד, ד"ר. געבאָרן אין אָסקאַרסהאַם (פּאָרט-שטאָט אין שוועדן) אין יאָר 1876. געענדיקט דעם אוניווערסיטעט אין בערלין און ווירצבורג אלס דאָקטאָר יורי. פון יאָר 1901 זיך אָנגעהויבן צו פאַרנעמען מיט געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, צוערשט אין מינכען און דאַן פון יאָר 1904 ביז 1921 אלס גענעראַל-סעקרעטאַר פונם „הילפס-פאַראיין פון די דייטשע יידן". אין



אין משך פון די יאָרן געשטאַנען בראש פון דער גאַנצער סאָציאַלער אַרבעט פון דער דאָזיקער גרויסער מערב - אייראָפּעאישער אָרגאַניזאַציע. שוין אין די ערשטע יאָרן פון זיין טעטיקייט האָט כ. — איינער פון די ערשטע — פאַרשטאַנען דעם ריכטיקן מהות פון דער יידישער עמיגראַציע-פּראָבלעם און שוין דעמאָלט, מיט 20 יאָר צוריק, האָט ער אָנגעמערקט נייע מעטאָדן פון קאָנסטרוקטיווער הילף און פון אַ פּלאַנמעסיקן אָרגאַניזירן דעם ביז דעמאָלט גאַנץ כאַאָטישן יידישן אויסוואַנדערונגס-שטראָם פון מזרח-אייראָפּע אין די מעבר-לים-לענדער. 17 יאָר כסדר האָט כ. אָנגעפירט מיט אַלע אַקציעס פון דייטשן „הילפס-פאַראיין". ניט נאָר מיט מאַטעריעלער הילף, נאָר אָפט אויך מיט וויכטיקע פּאָליטישע אינטערווענציעס האָט דער „הילפס-פאַראיין" אין די אָנגערופענע יאָרן אויסגעהאָלפן דעם יידנטום פון רוסלאַנד, רומעניע א. א. נאָך דעם קישינעווער און האָמלער פּאָגראָם האָט דער „הילפס-פאַראיין" אָרגאַניזירט אין בערלין אַ ספּעציעלע אַקציע לטובת די אלמנות און יתומים פון די פּאָגראָם-קרבנות, וואָס האָט אַריינגעבראַכט איבער 600,000 גאָלד-מאַרק. אַ באַדייטנדע סאָציאַלע און פּאָליטישע טעטיקייט האָט כ. אַנטוויקלט בעת די בהלות אין רומעניע אין יאָר 1907 און בעת דעם באַלקאַן-קריג אין יאָר 1912. צוזאַמען מיט דעם פאַרשטאָרבענעם באַקאַנטן סאָציאַלן עסקן און פּאָליטיקער ד"ר פּאָול נאַטאַן האָט כ. דעמאָלט באַזוכט רומעניע, סערביע, בולגאַריע, טערקיי, איז אויפגענומען געוואָרן אויף אוידיענצן פון די רעגירנדע מלכים און האָט פיל אויפגעטאָן כדי צו פאַרלייכטערן אין די לענדער די יידישע נויט און פּיין. אַ גרויסן פאַרדינסט האָט כ. אויך אין דעם גרינדן פון דעם חיפער טעכניקום אין ארץ-ישראל. בעת דער וועלט-מלחמה פירט כ. אָן מיט דער אַקציע פון „הילפס-פאַראיין" לטובת די מגורשים און עוואַקואירטע און בכלל לטובת די יידישע מלחמה-קרבנות. אויך אין בערלין האָט כ. דעמאָלט געגרינדעט אַ ספּעציעלן קאָמיטעט, וועלכע האָט איבערגעשיקט קיין פראַנקרייך, רוסלאַנד און ענגלאַנד איבער 20,000 פּעקלעך, אויך די הילף פאַר די יידן אין טערקיי און די אַלע אַנדערע הילפס-אַקציעס ווערן אָנגעפירט פון כ., וועלכער האָט צוזאַמען מיטן פאַרשטאָרבענעם ד"ר פּאָול נאַטאַן און מיט דעם באַקאַנטן דייטש-יידישן פילאַנטראָפּ דזשעמס סימאָן געבילדעט יענעם טריאומוויראַט, וואָס האָט אין זיך פּערזאָניפיצירט דעם גאַנצן „הילפס-פאַראיין" און וואָס איז געווען אין משך פון לאַנגע יאָרן דער אַדוואָקאַט פאַר יידישע נויטן, צרות און פּורעניות.



זייט 1921 שטייט כ. בראש פון דער גראַנדיעזער אַרבעט פון דעם אַמעריקאַנער „דזשוינט דיסטריבושן קאָמיטעט" (ד. ד. ק) אין אייראָפּע, וואָס האָט לויט דעם פאַרנעם פון זיין סאָציאַלער אַרבעט אין די נאָכמלחמה-יאָרן כמעט ניט זיין גלייכן ביי קיין פאָלק. די אַרבעט פון „דזשוינט" ווערט נאָך עד-היום געפירט אין פיל לענדער פון מזרח- און מערב-אייראָפּע. עס איז גענוג אָנצווייזן, אַז זינט נאָך דער מלחמה ביז 1930 האָט דער „דזשוינט" פאַרווענדעט אויף הילף פאַר אייראָפּע איבער 75 מיליאָן דאָלאַר.

סיי די פאַרמלחמה-תקופה פון „הילפס-פאַראיין" און סיי דער נאָכמלחמה-פּעריאָד פון דעם „דזשוינט" זיינען ענג פאַרבונדן מיטן נאָמען פון כ. אין „דזשוינט" איז ער דער גענעראַל-דירעקטאָר פאַר אייראָפּע און אין דער „פונדיישן" (פאַראייניקונג פון ד. ד. ק. און יק"א פאַר קרעדיט-הילף א. א. געגרינדעט אָנהויב 1924) — דירעקטאָר-פאַרוואַלטער (מענעדזשינג-דירעקטאָר) צוזאַמען מיט לואי אונגער.

נאָך פון זיינע סטודענטישע יאָרן סימפאטיזירט כ. מיט דער ציוניסטישער און נאציאָנאל-יידישער ארבעט. אין יאָר 1929 איז ער אויסגעקליבן געוואָרן אין ראט פון דער יידישער אגענץ.

אלס הויפט-פאָרטרעטער פון „דזשוינט" און „פונדיישן" האָט ער באזוכט פיל לענדער, בתוכם אויך א פאָר מאָל פוילן (1926, 1929, 1930). איז אויך געווען אין ווילנע און אין קאָמיטעט „יעקאָפאָ", וועלכער איז אין משך פון יאָרן געשטאנען מיט אים אין א קאָנטאקט וועגן פיל ענינים פון הילף און אויפבוי.

**כהן** ברוך מרדכי. געבאָרן אין מאָהילעוו אויפן דניעפר אין יאָר 1883 אין א רייכער סוחרישער פאמיליע (אין דערזעלבער פון מרדכי בן הלל הכהן, זיין פעטער, וועלכער האָט איר באשריבן אין זיינע מעמואָרן „כבר" און „עולמי"). זיך געלערנט אין חדרים, ישיבות און אין דער היים. געזעלשאפטלעך-פאָליטיש האָט ער אָנגעהויבן צו ארבעטן אין יאָר 1899—1900 אלס טוער אין „בונד". אין די יאָרן 1899—1902 איז ער געווען באשעפטיקט אין דער געזעלשאפט פאַר קעגנזייטיקן קרעדיט אין האָמעל. אין די יאָרן 1902—1908 האָט ער זיך פאַרנומען דערהויפט מיט דער פאַרטיי-ארבעט פון „בונד", באוואוסט אונטערן פסעוודאָנים ווירגיליי. בעת דעם פאָגראָם אין זשיטאָמיר אין יאָר 1905 איז ער געשטאנען בראש פון דער יידישער זעלבסטשוץ. אין די יאָרן 1908—1910 איז כ. געווען דער געשעפטס-פירער פון זשורנאל „יעווריייסקי מיר" אין פעטערבורג. 1910—1915 האָט ער געארבעט אין דער געזעלשאפט פאַר קעגנזייטיקן קרעדיט אין גר. ווילייקע. 1915—1918 אלס פאַרוואלטער פון א מיל אין פעטערבורג.

אין יאָר 1918 איז כ. געקומען קיין ווילנע, וואו ער האָט זיך באזעצט און אנטוויקלט א געזעלשאפטלעך-קולטורעלע טעטיקייט. איז מיטגליד פון פרעזידיום פון צ. ב. ק. (צענטראלן בילדונגס-קאָמיטעט), צענטראלער שול-אָרגאניזאציע, יידישן וויסנשאפטלעכן אינסטיטוט, געז. „אָרט". געארבעט אלס בוכהאלטער-קאָנטראָליאָר אין דער ערשטער יידישער דעמאָקראטישער קהילה אין ווילנע, געווען א מיטגליד פון פאַרוואלטונג פון דער צענטראלער יידישער קאָאָפעראטיווער פאָלקסבאנק אין ווילנע און א געוויסע צייט אויך איר א דירעקטאָר, דערנאָך האָט ער געארבעט אין א פריוואטער פירמע און שפעטער איז ער אייניקע יאָר געווען א אינספעקטאָר פון דער ווילנער עקספאָזיטור פון וואַרשעווער קאָאָפעראטיוון פאַרבאנד. אויפן צעטל פון „בונד" איז כ. אויך אויסגעקליבן געוואָרן אין יאָר 1927 אלס מיטגליד פון ראט פון





דער ווילנער קראנקן-קאסע און אלס ראטמאן פון ווילנער שטאָטראט. אין יאָר 1928 אלס מיטגליד פון פאַרוואלטונג פון ווילנער קהילה. צוליב זיין געזונט-צושטאנד האָט זיך כ. שפעטער פון די דאָזיקע אמטן אָפגעזאָגט. פון יאָר 1919 ביז 1922 איז כ. געווען מיטגליד פון פרעזידיום פון געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפאָ" אין ווילנע, אויף דער ערשטער קאָנפערענץ פון וועלכן ער האָט געהאלטן א רעפעראט וועגן פראָדוקטיווע הילף און קאָאָפעראציע און וועלכן ער האָט אין דער ערשטער צייט בכלל פיל מיטגעהאָלפן אין דער ארבעט.

זיין פרוי חיה—סאָפיא אבראמאָוונא—כהן-סטופעל (געשטאָרבן אין מערץ 1923) איז געווען א ראטמאן (אויך פון דער „בונד"-ליסטע) פון דער ערשטער ייד. דעמ. קהילה אין ווילנע, האָט זיך פאַרנומען מיט פעדאגאָגישער און בילדונגס-טעטיקייט און האָט אין יאָר 1922—1923 געארבעט אין ווילנער „דזשוינט"-ביוראָ פאַר יתומים-פאַרזאָרגונג, וועלכע איז געווען א געוויסע צייט טעטיק ביי דער ווילנער קהילה, זיך באטייליקט אין דער יתומים-קאָנפערענץ פון „יעקאָפאָ" אין דעצעמבער 1922.

**כהן** שלום (שלמה-יעקב). געבאָרן אין קאָרעליטש (נאָוואָגרודקער קרייז) אין יאָר



1889 אין א רבנישער משפחה. די ערשטע בילדונג באקומען אין חדרים און ישיבה. נאָכדעם געענדיקט א רוסישע שטאָט-שול און א קורצע צייט געווען א שילער פון 6-טן קלאס כהנס גימנאזיע אין ווילנע. פון 18 לעבנס-יאָר ביזן אויסברוך פון קריג פאַרנומען שטעלעס אלס בוכפירער אָדער קאסירער אין פאַרשיידענע ערטער. ארומגעשיקט דורך די דייטשן פון קאָרעליטש, באזעצט זיך מיט דעם פאָטערס פאמיליע אין נאָוואָגרודעק. פאַרנעמט זיך דאָרט מיט פריוואטע לעקציעס און גיט זיך אָפ דער געזעלשאפטלעכער טעטיקייט. ארבעט פריער אין הילפס-קאָמיטעט, וועלכער פאַרטיילט די שטיצע, וואָס באקומט זיך פון „הילפס-פאַראיין פון די דייטשע יידן אין בערלין", צווישן די נויטבאדערפטיקע היימלאָזע און קרבנות פון דער מלחמה, וועלכע געפינען זיך אין א גרויסער צאָל אין נאָוואָגרודעק. פון זומער 1918 יאָר ביז זומער 1919 געארבעט אלס סעקרעטאַר פון דעם „איבערוידלונגס, בוי- און הילפס-קאָמיטעט אין נאָוואָגרודעק", און פון זומער 1919 יאָר ביז סוף 1920 יאָר אלס סעקרעטאַר פון יידישן קאָמיטעט און נאָכדעם פון דער ערשטער דעמאָקראטיש-געוויילטער יידישע קהילה אין נאָוואָגרודעק. איינער פון די גרינדער און בויער פון דער נאָוואָגרודקער פאָלקס-שול, אין וועלכער געארבעט אלס לערער אין משך פון 4 יאָר. 3 יאָר געארבעט אלס לערער און פאַרוואלטער אין קאָרעלישער פאָלקס-שול, פון וועלכער אויך געווען דער גרינדער און בויער.

כ. איז געווען איינער פון די ערשטע מיטארבעטער ביי דער אויפבויאונגס-אקציע פון געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפאָ" אין נאָוואָגרודקער ראיאָן און דעלעגאט אויף זיינע קאָנפערענצן. אין יאָר 1929 דורכגעפירט לויטן אויפטראָג פון געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפאָ" אין ווילנע רעוויזיעס אין 70 גמ"ח-קאסעס אין ווילנער און נאָוואָגרודקער וואָיעוואָדסטוועס, וועלכע ווערן סובסידירט און אנגעפירט פון אים. נאָענטער מיטארבעטער פון פנקס פון „יעקאָפאָ".

**כארלאש** יצחק. געבאָרן אין יאָר 1892 אין בריסק דליטע אין א פרומער חסידישער שטוב. ביז 16 יאָר געלערנט צוערשט אין חדרים און שפעטער אין ר' חיים סאָלאָווייטשיקס (ר' חיים בריסקערס) ישיבה אין בריסק, אָבער אין דערזעלביקער צייט געלערנט העברעאיש און געלייענט ספענסערן, באקלען און דאַרווינען. צו 16 יאָר געוואָרפן דאָס לערנען אין דער ישיבה און גענומען זיך פאַר וועלטלעכער בילדונג. אין דער דאָזיקער צייט אויך אריבער צו יידיש. פון 18 ביז 21 יאָר באזוכט און פאַרענדיקט מיט אן אויסצייכנונג די בריסקער רוסישע קאָמערץ-שול. פאַרגעזעצט די בילדונג אין יעקאטערינאָסלאווער פאָליטעכניקום, מאָסקווער קאָמערץ-אינסטיטוט און בערלינער אוניווערסיטעט.

פון דייער פרי ארויסגעוויזן א שטאַרקע נייגונג צו געזעלשאפטלעכער טעטיקייט און סימפאטיע צו סאָציאליסטישע אידעען. אין יאָר 1910 אריינגעטראָטן אין דער אומלעגאלער בונדישער אָרגאניזאציע אין בריסק און אין צוויי יאָר ארום געווען שוין מיטגליד פון אָרטיקן בונדישן „קאָלעקטיוו" (אומלעגאלער אָנפיר-אָרגאן). פון דעמאָלט אָן ביז היינט ניט איבערגעריסן די פאַרבינדונג מיטן „בונד" און געארבעט אקטיוו אויף פאַרשיידענע געביטן פון דער ארבעטער-באוועגונג.

פון די פריסטע יאָרן געשריבן קאָרעספאָנדענציעס אין „הצפה" און „הזמן". שפע-

טער אין דער ווארשעווער אויסגאבע פון „פריינד". דערנאך אין רוסישע פראווינץ-צייטונגען נאטיצן און ארטיקלען וועגן טעאטער און ליטעראטור. אין 1917 געווען רעדאקציע - מיטארבעטער אין מינסקער „וועקער". אין 1918 מיטגעארבעט אין די מאסקווער בונדישע אויסגאבעס „האפענונג" און „צוקונפט"; מיטרעדאגירט און ארויסגעלאזן דעם מאסקווער זאמלבוך „צום אנדענק פון קארל מארקס", וואו געשריבן אונטערן פסעוודאנים „יצחקי". אין די יארן 1921—1923 מיטרעדאגירט די ווילנער בונדישע צייטשריפטן „דאס פרייע ווארט" און „אונזער צייט", וואו געשריבן אונטער די פסעוודאנימען „בן-ברוך", „אן אייגענער" א. א. אין 1924 א קורצע צייט קארעספאנדירט פון בערלין צום ניו-יארקער „פארווערטס". געשריבן אויך אין מאסקווער סאציאל - דעמאקראטישן „וופעריאד", אין בערלינער „סאציאליסטישעסקי וועסטניק" א. א. בעת דער גרינדונג פון ריגער „פריי-מארגן" אין יאר 1926 געווען טעכנישער און סטיליסטישער רעדאקטאר פון דער צייטונג, אויך מיטגעארבעט אין ריגע אין דער בונדישער „אונזער ווארט" און אין די זשורנאלן „נייע וועגן" און „די וואך". די לעצטע יארן איז כ. לערער פון יידיש און ליטעראטור אין דער ריגער שטאטישער יידישער מיטלשול און לעקטאר פון יידישער ליטעראטור אויף די פעדאגאגישע קורסן ביי דער ציש"א אין לעטלאנד.

אין די יארן 1920 און 1921 האט כ. געארבעט אין געגנט-קאמיטעט „יעקאפא" אין ווילנע ביי דער ארגאניזאציע פון די „ליי"- און שפאר-קאסעס און בכלל אויפן געביט פון קאאפעראציע. האט צונויפגעשטעלט א מעמאראנדום וועגן דער „קאאפעראטיווער באוועגונג ביי יידן אין ווילנע און אומגעגנט", וועלכער באהאנדלט די געברויכס- און פראדוציר-קאאפעראציע און איז אפגעדרוקט אין „יעקאפא"-ארגאן „אונזער הילף" (נאוועמבער 1921). האט זיך אויך באטייליקט אין די קאנפערענצן וועגן קרעדיט- און געברויכס-קאאפעראציע, וואס „יעקאפא" האט צונויפגערופן אין ווילנע דעם 30—31 מערץ און 1 אפריל 1921, וואו ער האט געהאלטן רעפעראטן.

**לאנגבארט** אהרן. געבארן אין ווילנע אין יאר 1893. זיין פאטער חיים איז געווען א שילער פון ווילנער ראבינער-שול, פון וועלכער ער איז ארויסגעטראטן (פון 4-טן קלאס) און געווארן א בעל-מלאכה (סטאלער) און שפעטער א בוי-אונטערנעמער. ל. האט זיך געלערנט אין א רוסיש-יידישער קרוין - שול, וועלכע געענדיקט, גלייכצייטיק אויך אין חדרים. געווען אן עקסטערן. פון 12 יאר זיך אנגעהויבן אויסצוהאלטן זעלבשטענדיק, געגעבן לעקציעס, געווען א שווארצער ארבעטער, דערנאך געווען באשעפטיקט אין קאנטארן ביי פארשיידענע אונטערנעמונגען. געווען טעטיק אין פראפעסיאנעלע ארבעטער-פאראיינען און זיך באטייליקט אין זעלבסטשוץ. אין די יארן 1914—1915 געארבעט צווישן די היימלאזע ביים קאמיטעט „יעקאפא" אין מאריופאל, דרום-רוסלאנד (וואו געווען געשעפטלען), אומקערנדיק זיך קיין ווילנע האט ער אין 1915 און אין דער צייט פון דער דייטשער אקופאציע אנטיילגענומען אין די ארבעטן פון דער געזעלשאפט „קינדער-פארזארגונג" א. א. און איז געווען איינער פון די גרינדער פון דער קינדער-היים ביי דער אנגערופענער געזעלשאפט, וואס האט זיך שפעטער אויסגעבילדעט אין דער פאלקס-שול אויפן נאמען פון לייזער גורוויטש, א לערער, וועלכער איז אכזריותדיק דערהרגעט געווארן אין די בלוטיקע אפריל-טעג 1919.

זייענדיק אליין באשעפטיקט אלס סוחר פון אן אייזן-געשעפט, האט ל. אפגעגעבן פיל צייט ביי דער ארבעט אין פארשיידענע אינסטיטוציעס און אנשטאלטן און האט אנטוויקלט א גרעסערע געזעלשאפטלעכע טעטיקייט. ל. איז איינער פון די ערשטע קאמיטעט-מיטגלידער פון דער פאלקס-פארטיי, וועלכע האט זיך געגרינדעט אין ווילנע אין יאר 1917. איז א מיטגליד פון עקזעקוטיווע פון געגנט-קאמיטעט „יעקאפא" אין ווילנע פון יאר 1919 ביז אויף היינטיקן טאג און האט מיטגעארבעט ביי אלע זיינע הילף- און אויפבוי-אקציעס. פון יאר 1928 איז ער פארזיצער פון פארוואלטונג פון דער צענטראלער יידישער קאאפעראטיווער פאלקסבאנק און דירעקטאר פון דער ערשטער ליי- און שפאר-קאסע (יידישע באנק) אין ווילנע, איז מיטגליד פון ראט פון דער באנק פאר קאאפעראציון אין ווארשע און פארזיצער פון דער ווילנער עקספאזיטור פון ווארשעווער ייד. קאאפעראטיוון פארבאנד.

**לונסקי** חייקל. געבארן אין סלאנים אין יאר 1881. צו 4 יאר אנגעקומען אין חדר, צו 8 יאר אין סלאנימער ישיבה, צו 13 יאר געווען א בקי אין צוויי סדרים גמרא. אין יאר 1892 געקומען קיין ווילנע, וואו די ערשטע צייט געווען א משמש אין דער אלטער קלויז. השכלה אנגעהויבן לערנען אין יאר 1893 אדאנק זיין באקאנטשאפט מיטן געוועזענעם רעדאקטאר פון „הכרמל" און ביבליאפיל ר' חיים לייב מארקאן ז"ל. מארקאן האט ל. זייער מקרב געווען און אים געליען ספרים פון זיין גרויסער ביבליאטעק אויף אהיים. סוף יאר 1895 אנגעקומען אין שטראשונס ביבליאטעק, וואו ער איז ביבליאטעקאר ביז אויף היינטיקן טאג שוין 35 יאר. אויסער זיין ארבעט אין ביבליאטעק איז ל. פון יאר 1897 געווען טעטיק אין דער ציוניסטישער באוועגונג אין ווילנע, אין וועלכער ער איז אריינגעצויגן געווארן דורך דאס הויז פון י. ל. גאלדבערג, וואס איז געווען א בית ועד לעסקנים פונקט ווי דאס הויז פון י. ל. מארקאן איז געווען א בית ועד לחכמים.



אין די מלחמה-יארן האט ל. גענומען א גרויסן אנטייל ביים געבן הילף די מגורשים פון קאוונער און קורלענדער גוב. באזונדערס אינטענסיוו האט ער געארבעט צווישן די היימלאזע, וואס האבן זיך געפונען אין די קלויזן. פאר די היימלאזע ישיבה-לייט האט ער אויך געגרינדעט א גמ"ח. אין יאר 1919—1920 האט ל. מיטגעהאלפן די רעעמיגראנטן, וועלכע האבן זיך געפונען אין די קלויזן און אויפן שולהויף. פון יאר 1919 האט ער אויך אנגעהויבן צוריק אויפצושטעלן אין די קלויזן די גמילות-חסדים, וואס זיינען חרוב געווארן אין דער מלחמה-צייט און האט פיל אויפגעטאן אויף דעם געביט. סוף יאר 1918, ווען קיין ווילנע איז געקומען ש. אנ—סקי ז"ל, האט זיך ל. מיט אים שטארק באפריינדעט און אים מיטגעהאלפן ביים גרינדן די היסטאריש-עטנאגראפישע געזעלשאפט און זאמלט אליין פאר איר ארכיוו און מוזיי טויזנטער דאקומענטן, ספרים, בילדער, פנקסים, פאלקלאר-מאטעריאלן א. אז. וו., האט אויך געזאמלט מאטעריאלן פארן פנקס פון דער היסט.-עטנ. געזעלשאפט, וואס איז ארויס אין יאר 1922 און פארן מוזיקאלישן פנקס פון דערזעלבער געזעלשאפט, ערשינען אין יאר 1927. ל. איז אויך א טעטיקער מיטגליד פון קאמיטעט „דורשי האוניברסיטה בירושלים" און א מיטגליד פון דער ביאגראפישער קאמיסיע פון יוו"א.

זיין שריפטשטעלערישע טעטיקייט האט ל. אנגעהויבן אין יאר 1905 (אין „לוח ארץ-ישראל" פון א. מ. לונץ, ירושלים תרס"ה, מיט צוויי ציוניסטישע שירים אויף העברעאיש). צו שרייבן יידיש האט ל. אנגעהויבן ערשט אין יאר 1917 לויט דעם פארשלאג פון מ. שאליט, וועלכער האט אלס רעדאקטאר פון „ווילנער זאמלבוך" באשטעלט ביי ל. און אפגעדרוקט זיין ארטיקל „ווילנער

„קלויזן און דער שולהויף“ (צווייטער באַנד, 1918), אויפגעמונטערט פון די גוטע אָפּרופן האָט ל. פאָרגעזעצט זיין שרייבן און האָט אינגיכן אַרויסגעגעבן אייניקע ווייטערדיקע אַרבעטן („פון ווילנער געטאָ“, בילדער און געשטאַלטן; „לעגענדעס וועגן ווילנער גאון“; אַרטיקלען אין זשורנאַל „לעבן“, פּנקס פון דער ווילנער היסט.-עטנ. געז. [אין וועלכער ער איז [סעקרעטאַר] א. א.], וואָס האָבן געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון דער קריטיק אויף ל. אַלס פאָלקסטימלעכן שרייבער פון אַ באַזונדערן סטיל, אָנגעזאַפּט מיט אַלט-יידישקייט. האָט זיך באַטייליקט אין אַ ריי פּעריאָדישע אויסגאַבן. האָט פאַרטיק אין דרוק „גאונים און גדולים פון נאָענטן עבר“ (ביאָגראַפיעס פון רבנים) און אַ ריי ביבליאָגראַפישע און קולטור-היסטאָרישע מאַטעריאַלן און רשימות אין כתב-יד. ל. איז אַ מיטאַרבעטער פון פּנקס פון „יעקאָפּאָ“.

**ליאַקערמאַן** שמואל. געבאָרן אין יאָר 1888 אין קרעווע (ווילנער גוב.). געלערנט אין חדרים און פּריוואַט. קומענדיק קיין ווילנע איז ל. נאָך גאָר יונג אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער ס. ס.-שער באַוועגונג, און פון דאַן אָן זיך גענומען אינטערעסירן מיט פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעך-קולטורעלע פראַגן פון יידישן לעבן. פון ווילנע געשריבן קאָרעספּאָנדענציעס אין פּעטערבורגער „טאָג“ (1904) און שפּעטער אין „וועג“ (וואַרשע, 1907). האָבנדיק אינטערעס פאַר פראַגן פון יידישער עמיגראַציע און קאָלאָניזאַציע, איז ל. פאַר דער מלחמה געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט יק"אַ אין פּעטערבורג און מיט דער טעריטאָריאַליסטישער אָרגאַניזאַציע אין קיעוו (בנוגע גאַלוועסטאָן). אין יאָר 1916 געאַרבעט אַ געוויסע צייט פרייוויליק אין שפּייזפּונקט פון „יעקאָפּאָ—אָזע“ אין וואָלאָזשין.

בעת אין יאָר 1917 האָט זיך אָרגאַניזירט אין פּעטערבורג די „יידישע דעמאָקראַטישע פאַראייניקונג“ (שפּעטער „פאָלקס-פּאַרטיי“) האָט זיך ל. געשטעלט מיט איר אין פאַרבינדונג און ביי די וואַלן צום אַלרוסישן יידישן צוזאַמענפאָר (ניט צושטאַנדגעקומען צוליב דער באָלשעוויסטישער איבערקערעניש) און צו די דעמאָקראַטישע קהילות האָט ל. געאַרבעט אַלס באַפולמעכטיקטער פון צ. ק. פון דער „פאָלקס-פּאַרטיי“ אין מאָהילעוו, אָרשע און מינסק. מיטגעאַרבעט אין „פאָלקסבלאַט“ (אָרגאַן פון דער „פאָלקס-פּאַרטיי“, 1917).

נאָך דער באָלשעוויסטישער איבערקערעניש האָט ל. געאַרבעט אין מינסק אַלס פאַרוואַלטער פון די באַראַקעס און שפּייזפּונקט פון „זעמסאָיוזגאָר“ אויף סערעבראַנקע (מינסקער פאַרשטאָט), וואו ס'זיינען טעגלעך דורכגעגאַנגען טויזנטער היימלאָזע. שפּעטער אויך געאַרבעט אין קאָמיסאַריאַט פון סאָציאַלער פאַרזאָרגונג אין דער אָפּטיילונג פון מוטער- און קינדער-שוץ.

אין יאָר 1919 בעת די פּאָלאַקן האָבן פאַרנומען מינסק און ס'איז געוואָרן אַקטועל די פראַגע פון רעעוואַקואירן די היימלאָזע פון פראָנט-געביט (קרעווע, סמאָרגאָן א. א.) האָט ל. צוזאַמען מיט פאָרשטייער פון סמאָרגאָן אָרגאַניזירט באַראַטונגען און זיך באַטייליקט אין אַ דעלעגאַציע צו ד"ר באָגען (דאַן געקומען אין מינסק מיט דער אַמעריקאַנער מיסיע), אַז דער „דזשוינט“ זאָל געבן הלוואות אויף אָפּבויען די בנינים אין די חרוב-געוואָרענע פראָנט-שטעטלעך. ל. האָט וועגן דעם דאַן אויך געשריבן אין דער מינסקער יידישער צייטונג „פאַרן פאָלק“.

סוף יאָר 1919 איז ל. צוריק געקומען קיין פּוילן. אין יאָר 1922 באַזעצט זיך ל. אין ווילנע, אַרבעט דאָ אַ קורצע צייט אין „קאָמיטעט צו העלפן די הונגערליידנדע אין רוסלאַנד“ און פון יאָר 1923 אָן אַלס שטענדיקער מיטאַרבעטער און פאַרוואַלטער פון זשורנאַל „פאָלקסגעזונט“ (אונטער דער רעד. פון ד"ר צ. שאַבאַד, פאַרלאַג „טאָז-אָזע“). ל. האָט צוזאַמענגעשטעלט אַ וואָכן-לוח „היגיענע“ (יאָרן 1928, 1929 און 1930, פאַרלאַג „טאָז“, וואַרשע) און האָט אַקטיוו מיטגעהאָלפן ביים אַרויסגעבן אַ גאַנצע ריי היגיענישע ביכער פון דער צענטראַלע „טאָז“. ער איז אויך מיטאַרבעטער פון די „טאָז-ידיעות“ (וואַרשע, 1928—1930). פון צייט צו צייט שרייבט ל. אין „ווילנער טאָג“ אויף פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע טעמעס (אונטערן אייגענעם נאָמען און פּסעוודאָנימען ש. באַסמאַן, ש. באַסין, בן משה). ל. איז געווען איינער פון די הויפּט-אָרגאַניזאַטאָרן פון דער דעמאָקראַטיש-פאָלקיסטישער קאָנפערענץ (ווילנע 21—22 אויגוסט 1926), אויף וועלכער ער איז אויך אויסגעוויילט געוואָרן אַלס גענעראַל-סעקרעטאַר פון צענטראַל-ראַט פון דער פּאַרטיי. ל. האָט מיטגעאַרבעט אין זשורנאַל „פרייער געדאַנק“ (ווילנע 1926—1927, אונטער דער רעדאַקציע פון ד"ר צ. שאַבאַד, ה. ד. נאָמבערג און יוסף טשערניכאָוו). אין יאָר 1928 האָט ל. רעדאַגירט די „ווילנער וועגן“ (אָרגאַן פון דער דעמאָקראַטיש-פאָלקיסטישער אָרגאַניזאַציע אין ווילנע). אין דער שול-באַוועגונג איז ל. געווען טעטיק אַלס מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע פון דער שול-אָרגאַניזאַציע פאַר ווילנער פּראָווינץ (1927) און איז מיטגליד פון קאָמיטעט פון צ.ב.ק. נאָענטער טעכנישער מיטאַרבעטער פון פּנקס פון „יעקאָפּאָ“.

**ליובטשאַנסקי** יעקב. געבאָרן אין נאָוואָגרודעק אין יאָר 1875. געלערנט אין חדרים, תלמוד-תורה, מירער ישיבה און קבוצים. געווען אַ שוחט אין איוויע, אָפּגעפאָרן קיין אָדעס, וואו געווען פאַרטרעטער פון זינגערס מאַשינעס און געפירט געשעפטן. אין יאָר 1896—1897 אַריינגעטראָטן אין קרייזל „מפיצי ציונות“ (פון די ערשטע ציוניסטישע קרייזלעך אין אָדעס) מיטן סטודענט שיינקין, יוסף קלויזנער א. א. אין אָדעס, וואו אָפּגעווען 12 יאָר, די גאַנצע צייט געאַרבעט פאַרן ציוניזם. אין יאָר 1905 גענומען אַן אָנטייל אין דער באַפרייאונגס-באַוועגונג אין דער פּאַרטיי ס. ס., זייענדיק איינער פון די אָנפירער פון אָדעסער פאַראיין פון די אָנגעשטעלטע אין דער פירמע זינגער אויף דרום-רוסלאַנד. אין יאָר 1907, נאָך די פּאָגראָמען, אַרויסגעשיקט געוואָרן (פאַר צורייד צו שטרייקן) קיין נאָוואָגרודעק, וואו ער האָט געעפנט אַ וואַרשטאַט און געשעפט פון מאַשינעס און וואוינט ביז היינטיקן טאָג.

אין נאָוואָגרודעק נעמט ל. דעם טעטיקסטן אָנטייל אין אַלע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס. דערנענטערט זיך צו צעירי-ציון, רעכטע פּועלי-ציון. ערנאַמטלעך געווען דער פאַרוואַלטער פון מושב זקנים, בעת דער מלחמה און אָקופּאַציע געווען פאַרוואַלטער פון דעם אַפּראָוויזאַציע-אַמט פאַר דער ייד. באַפעלקערונג, ביז וואַנען די דייטשן האָבן עס איבערגענומען. אין מיטן דער אָקופּאַציע גרינדעט ער דעם ייד. שפּיטאָל פאַר הונגער-קראַנקע. נאָכן אָפּטרעטן פון די דייטשן נעמט ער איבער דעם ייד. שפּיטאָל (הקדש) פאַר טיפוס-קראַנקע. אין יאָר 1919 זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט „יעקאָפּאָ“ אין ווילנע און געגרינדעט פאָלקס-קיכן און אַ קינדער-קיך, צוזאַמען מיט דוד כהן און מענדל וואַגער אָרגאַניזירט ער די וואַלן פון דער ערשטער דעמאָקראַטישער קהילה אין נאָוואָגרודעק און לעבט אויף אַ ריי אינסטיטוציעס. פאָרנדיק מיט אַ שליחות פון נאָוואָגרודקער יידישן שפּיטאָל צום מינסקער „אָזע“ אין אָקטאָבער 1920, האָט ער געמוזט פאַרבלייבן 6 וואָכן אין מינסק (ווייל גראָד דאַן זיינען די באָלשעוויקעס אָפּגעטראָטן פון נאָוואָגרודעק) און איז געקומען צופוס פון מינסק קיין נאָוואָגרודעק אין דער מהומה-צייט מיט אַ שיין פון „אָזע“. פון יאָר 1922 גרינדער און פאָרזיצער פון האַנטווערקער-פאַראיין אין נאָוואָגרודעק און שפּעטער אויך מיטגליד פון צ. ק. פון אַלפּוילישן האַנטווערקער-פאַרבאַנד אין פּוילן. גלייכצייטיק איז ער פאָרזיצער פון פאַרוואַלטונג פון דער ייד. קאָאָפּעראַטיווער פאָלקסבאַנק אין נאָוואָגרודעק, וואו שפּעטער געוואָרן דירעקטאָר. אין די יאָרן 1924—1929 איינער פון די אָנפירער פון דער פריער יידישער פאָלקס-שול און דערנאָך תרבות-שול און גרינדער פון דעם העברעאישן קינדער-גאָרטן אין נאָוואָגרודעק. פון יאָר 1924 איז

ל. מיטגליד פון פלענום פון געגנט-קאָמי-
טעט „יעקאָפּאָ“, מיטגליד פון פאַרוואַל-
טונג פון דער צענטראַלער יידישער קאָאָ-
פּעראַטיווער פאָלקסבאַנק אין ווילנע און
קאַנדידאַט אין ראַט פון קאָאָפּעראַטיוון
פאַרבאַנד אין וואַרשע. ביי די וואַלן אין די
יאָרן 1920 און 1929 איז ל. אויסגעקליבן
געוואָרן אַלס ראַטמאַן פון נאַוואַגרודקער
שטאָטראַט און מיטגליד פון פינאַנס-קאָמי-
סיע. אין יאָר 1928 אויסגעוויילט אַלס מיט-
גליד פון ועד הקהילה אין נאַוואַגרודעק,
וואו געשפּילט אַ גרויסע ראָל ביים רעגו-
לירן די אַרטיקע אָנגעווייטאָגטע רבנות-
פראַגע (ז. אויבן, זייטן 409—411).

**לעוואַנדע** זינאַאידאַ, פרוי פון ד״ר
ש. לעוואַנדע (אַ זון פון אַ ווילנער געהילפס-
ראַבינער און פּלימעניק פון באַוואוסטן
שריפטשטעלער ל. לעוואַנדע). געבאָרן אין
ווילנע אין יאָר 1882. געענדיקט אין ווילנע
אַ רעגירונגס-גימנאַזיע און אין קיעוו אַלס
צאָן-דאָקטאָר. שוין אין קיעוו ווייזט פרוי
לעוואַנדע אַרויס אַ גרויסן אינטערעס פאַר
געזעלשאַפטלעכע אַרבעט און ווערט אויס-
געקליבן אַלס פאָרזיצערין פון דער הילפס-
קאַסע פאַר סטודענטן. נאָך פאַר דער
מלחמה אַרבעט זי אַקטיוו אַלס מיטגליד
פון פאַרוואַלטונג אין געזעלשאַפט צו באַ-
זאָרגן קינדער אויף זומער-קאָלאָניעס און
אין דער צייט פון קריג, אַלס באַרמהערצי-
קע שוועסטער אין ווילנער שפּיטאָל פון
„משמרת חולים“. ווען ש. לעוואַנדע ווערט
אַלס ד״ר אין יאָר 1915 מאָביליזירט, פאַר-
לאָזט זי ווילנע מיט דער גאַנצער משפּחה
און פאָרט אַריבער קיין רוסלאַנד, וואו זי
באַזעצט זיך אין מאָסקווע און באַזוכט דעם
פאָלקס-אוניווערסיטעט אויפן נאָמען פון
שאַניאַווסקי אויף דער אָפּטיילונג פון קינ-
דער-ליטעראַטור און קינדער-דערציאונג.

אין 1918 קומט פרוי ל. צוריק קיין
ווילנע, וואו זי הויבט אָן נעמען אַ נאָענטן
אָנטייל אין דער געזעלשאַפטלעכער טעטי-
קייט, באַזונדערס אויפן געביט פון יתומים-
פאַרזאָרגונג. מיט דער גרינדונג פון שטאָ-
טישן יתומים-קאָמיטעט אין ווילנע אין יאָר
1922 ווערט פרוי ל. אויסגעקליבן אַלס זיין
פאָרזיצערין (וועלכן אַמט זי פאַרנעמט ביז
אויף היינטיקן טאָג) און אַנטוויקלט אַ גרע-
סערע טעטיקייט, פיל מיטווירקנדיק צו זיין
פאַרצווייגונג און איינשאַפונג פון אייגענע
בנינים פאַר יתומים-הייזער און בורסעס.
אין יאָר 1929 ווערט זי אַלס פאָרטרעטערין
פון דער ווילנער שטאָטישער צענטראַלע
אויסגעקליבן פאַר אַן עקזעקוטיוו-מיטגליד
פון פאַרבאַנד פון צענטראַלעס פאַר יתומים-
פאַרזאָרגונג אין פּוילן (וואַרשע).

**לעווינסאָן** אברהם. געבאָרן אין לאָדז
אין יאָר 1891. געלערנט אין חדר, גימ-
נאַזיע, שטודירט מעדיצין אין לייפּציג, מאַ-
טעמאַטיק און יוריספּרודענץ אין וואַרשע,
געענדיקט דעם יורידישן פאַקולטעט פון
וואַרשעווער אוניווערסיטעט אין יאָר 1916
אין ראָסטאָוו-דאָן, וואוהין דער וואַרשעווער
אוניווערסיטעט איז עוואַקוירט געוואָרן.
זינט 1915—אַקטיוו טעטיק אין געזעלשאַפט-
לעך - פּאָליטישן און ליטעראַרישן לעבן,
פריער אין רוסלאַנד (כאַרקאָוו, קיעוו, ראָס-
טאָוו) און זייט 1920 — אין פּוילן. מיטגליד
פון צ. ק. פון דער ציוניסטישער אַרבעטס-
פראַקציע „צעירי-ציון“ אויף אוקראַינע און
רעדאַקטאָר (צוזאַמען מיט י. מערעמינסקי)
פונם וועכנטלעכן אָרגאַן „ערד און אַרבעט“.
פאַרוואַלטונגס-מיטגליד און סעקרעטאַר פון



כאַרקאָווער קהילה. מיטגליד פון נאַציאָנאַ-
לער פאַרזאַמלונג אין קיעוו. אין כאַרקאָוו
אַרויסגעגעבן „חכמי ישראל“ (העברעאיש),
איבערזעצט פאַרן כאַרקאָווער קינסטלערישן
יידישן טעאַטער ש. יושקעוויטשעס „אין
שטאָט“, גאָלדאַנים — „האָטעל-ווירטין“, ראָס-
טאַנס — „צוויי פּיעראָס“.

פון יאָר 1920 — טעטיק אין פּוילן. געווען
מיטגליד פון אייראָפּעאישן וועלט-ביוראָ
און צענטראַל-קאָמיטעט פון „התאחדות“
אין פּוילן. מיטגליד פון צ. ק. פון „תרבות“,
עקזעקוטיווע פון פאַרבאַנד פאַר יתומים-
פאַרזאָרגונג אין פּוילן. מיטאַרבעטער אין
„לאָדזער טאָגעבלאַט“, לעמבערגער „מאָרגן“.
רעדאַגירט „פאָלק און לאַנד“ (לאָדז—וואַר-
שע), „בדרך“ (ווין), „במעבר“ (וואַרשע).
אַרויסגעגעבן די בראָשור: א. ד. גאָרדאָן
(יידיש), לביסוס הציונות (העברעאיש). אי-
בערזעצט אין העברעאיש: „היהודים“ פון
משיריקאָוו (1907), „יומנו של קוסטיה
ריבצב“ פון אָגניעוו (1928), „מכתבים על
היהדות הישנה והחדשה“ פון פּראָפ.
ש. דובנאָוו (1930), „המבול“ פון ה. סיענ-
קיעוויטש א. א. לעצטנס — רעדאַגירט „דאָס
שוצלאָזע קינד“, אָרגאַן פון פאַרבאַנד פאַר
יתומים-פאַרזאָרגונג אין פּוילן.

אין די יאָרן 1923—1927 מיטגליד פון
ציוניסטישן אַקציאָנס-קאָמיטעט, 1922—1928
סיים-דעפּוטאַט, פון קרעמעניעצער וואָל-
קרייז. 1929 געוויילט אַלס וויצע-פּרעזידענט
פון שטאָט בריסק, וואו זיך באַזעצט און
טעטיק ביז היינט.

**לעשטשינסקי** יעקב. געבאָרן אין
האָראָדישטש (קיעווער גוב.) אין יאָר 1876.
געלערנט אין חדרים און אין דער היים.
געווען פאַרטיפט אין ש״ס און פּוסקים.
שפּעטער אין דער העברעאישער ליטעראַ-
טור, געוואָרן אַן עקסטערן, שטודירט אין
ציריכער אוניווערסיטעט, נאָר ניט געענ-
דיקט, זיך אומגעקערט קיין רוסלאַנד און
אַריינגעצויגן געוואָרן אין ציוניסטישע אַר-
בעטער-קרייזלעך. אין יאָר 1903 זיך באַ-
טייליקט אַלס דעלעגאַט אויפן 6-טן ציוניס-
טישן קאָנגרעס אין באַזעל (פריער אויך
אויפן 5-טן), וועלכער האָט באַשלאָסן צו
שיקן אַן עקספּעדיציע אויסצופאָרשן אוגאַנ-
דע (ל. איז געווען אויף דעם צד פון די
טעריטאָריאַליסטן). פון יאָר 1904—1905
זיך אַריינגעוואָרפן מיט אַ ברען אין דער
פּאַרטיי-אַרבעט אַלס איינער פון די הויפּט-
טוער אין ס. ס. און שפּעטער ביי די „פאַר-
איינִיקטע“ (ס. ס. און י. ס.), זיך באַטייליקט
אין זייערע צוזאַמענפאָרן און אויסגאַבן.
אַרויסגעלאָזן איינִיקע בראָשורן: וועגן
„בונד“ (1906); „מאַרקס און קויטסקי וועגן
דער יידן-פראַגע“ (רוסיש, מאָסקווע 1907),
„די גאַלוועסטאָנער עמיגראַציע און די עמיג-
ראַציע-פּאָליטיק“ (רוסיש, קיעוו 1912). אין
די לעצטע יאָרן זיך שטאַרק דערנעענטערט
צום „בונד“ און דרוקט פּובליציסטישע אַר-
טיקלען אין דער וואַרשעווער בונדישער
„פאָלקסצייטונג“. וואו זיין ברודער יוסף
לעשטשינסקי (י. כמורנער), דער פאָרזיצער
פון צ. ש. א. אין פּוילן (נאָך מיכאַלעוויטשעס
טויט), אויך אַ געוועזענער ס. ס., איז וואַרט-
פירער און איינער פון די רעדאַקטאָרן.

ל. איז איינער פון די וויכטיקסטע
שריפטשטעלער אין דער עקאָנאָמישער און
סטאַטיסטישער ליטעראַטור אויף יידיש. איז
געוואָרן אויף דעם געביט באַוואוסט שוין
מיט זיינע ערשטע אַרבעטן „די יידן אין
לאָנדאָן“ און דער „יידישער אַרבעטער“
(1904 — 1907), שפּעטער פאַרעפנטלעכט
אַ ריי ווייטערדיקע ערנסטע עקאָנאָמישע
און סטאַטיסטישע אַרבעטן (בתוכם דעם בוך
„דאָס יידישע פאָלק אין ציפערן“, בערלין
1922) און אַ גרויסע צאָל אַרטיקלען אין
פאַרשיידענע זשורנאַלן און אויסגאַבעס. איז
געווען איינער פון די רעדאַקטאָרן פון די
„בלעטער פאַר יידישע דעמאָגראַפיע, סטאַ-
טיסטיק און עקאָנאָמיק“ (בערלין, 1923—1925)
און איז רעדאַקטאָר פון די „שריפטן פאַר
עקאָנאָמיק און סטאַטיסטיק“ (יידישער וויסנ-
שאַפטלעכער אינסטיטוט, עקאָנאָמיש-סטאַ-
טיסטישע סעקציע, 1-טער באַנד, בערלין
1928; אין יאָר 1930 ווערט צוגעגרייט און-
טער ל. רעדאַקציע דער צווייטער באַנד
שריפטן), וואו צווישן אַנדערע אָפּגעדרוקט
די אַרבעט „אַנטוויקלונג פון יידישן פאָלק
פאַר די לעצטע 100 יאָר“. איינִיקע עקאָנאָ-

חיש-סטאַטיסטישע אַרבעטן פון ל. זיינען איבערזעצט אויף אייראָפּעאישע שפּראַכן.

אין די יאָרן 1913—1914 איז ל. געווען דער סעקרעטאַר פון דער יידישער סטאַטיסטישער געזעלשאַפט, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין ווילנע אונטער דער פאָרזיצערײ פון ב. א. גאָלדבערג. סוף 1914 איז ל. אַפּגעפאָרן קיין רוסלאַנד און אוקראַינע, וואו ביז מאַי 1917 געאַרבעט אין „אָרט“, אינסטרואירנדיק אַרבעטס-ביוראָען, מאַכנדיק עקאָנאָמישע אויספאָרשונגען און פּראָפּאַגאַנדירנדיק די אידעע פון הילף דורך אַרבעט. אין יאָר 1917 געווען אויסגעוויילט אין קיעווער שטאָט-דומע און אין דער יידישע קהילה. אין יאָר 1920 געאַרבעט אין סטאַטיסטישן ביוראָ פון קיעווער שטאָט-דומע.

קומענדיק פון רוסלאַנד, האָט זיך ל. באַזעצט אין בערלין, וואו ער נעמט אַ גרויסן אַנטייל אין דעם דאָרטיקן יידישן געזעלשאַפטלעכן און וויסנשאַפטלעכן לעבן. איז בערלינער קאָרעספּאָנדענט און מיטאַרבעטער פון ניו-יאָרקער „פאָרווערטס“, פירער פון דער צענטראַלער עקאָנאָמיש-סטאַטיסטישער סעקציע (און איר וויסנשאַפטלעכער סעקרעטאַר) מיטן זיץ-אָרט אין בערלין פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט אין ווילנע (זיך באַטייליקט אין זיין אָרגאַניזאַציע און זיין ערשטער קאָנפערענץ אין ווילנע אין יאָר 1929, אויף וועלכער אויסגעקליבן אַלס מיטגליד פון צענטראַל-פאַרוואַלטונג), האָט געאַרבעט אין „אָזע“ און באַזונדערס אין „עמיגדירעקט“ (אויך געדרוקט אַ גאַנצע ריי אַרטיקלען אין דער „יידישע עמיגראַציע“) און געווען מיטגליד פון „היצעם“. אין יאָר 1929 אַרויסגעטראָטן פון „עמיגדירעקט“ (און „היצעם“) צוליב פּרינציפּיעלע סכסוכים בנוגע דער טאַקטיק צו יק״אַ. מיטן צוועק פון עקאָנאָמישע פאָרשונגען האָט ל. די לעצטע יאָרן באַזוכט אייניקע מאָל פּוילן, אויך געווען אין ווילנע אין קאָמיטעט „יעקאָפּאָ“ און באַזונדערס אין דער עמיגראַציע-אָפּטיילונג פון „יעאַס“ ביי „יעקאָפּאָ“. האָבנדיק אַ גרעסערן אינטערעס פאַר פראַגן פון יידישער עמיגראַציע.

**מאַזאָר** אברהם. געבאָרן אין יאָר 1894 אין קאַגאַרליק (אוקראַינע). זיך געלערנט אין זשיטאָמירער גימנאַזיע, געענדיקט יורי אין קיעווער אוניווערסיטעט און אַלס אינזשענער אין פּאַריז.

בעת דער קיעווער אוניווערסיטעט איז געווען עוואַקואירט אין סאַראַטאָוו, האָט מ. זיך באַטייליקט אין דער הילפס-אַרבעט פאַר די היימלאָזע, זייענדיק סעקרעטאַר פון „יעסאָפּאָ“. ער גרינדעט דאָרט אויך אַ יידישע סטודענטן-קיך, די ערשטע העבּרעאישע סטודענטן-קורסן אין רוסלאַנד, וועלכע ער פירט אָן, שטייט בראש פון דער אַקאַדעמישער אָרגאַניזאַציע „החבר“. נאָך דער באָלשעוויסטישער איבערקערעניש קומט ער צוריק אין קיעוו, וואו ער פירט ווייטער זיין ציוניסטישע אַרבעט.

אין יאָר 1920 געקומען קיין מאָסקווע מיט אַ וויכטיקער דערפינדונג אין דער באַנזיכערקייט, אַרבעט אַ קורצע צייט אין דער וויסנשאַפטלעכער אָפּטיילונג פון „נאַרקאָמפּוט“, גרינדעט און רעדאַגירט דעם וויסנשאַפטלעכן זשורנאַל פאַר ערפינדונגען „איזאָול“ („איזאָברעטעניאַ, אולוטשעניאַ“).

אין 1921 איז מ. געקומען קיין פּוילן, וואו ער אַרבעט פריער אַלס לערער אין סלאָנימער רעאַל-גימנאַזיע, נאָכדעם אַלס גרינדער און דירעקטאָר פון דער גראָדנער „תרבות“-גימנאַזיע. פון 1922 אַרבעט מ. אין פּינסק אַלס גרינדער און דירעקטאָר פון דער „תרבות“-גימנאַזיע, וועלכע איז די איינציקע אין פּוילן, וואָס האָט זיך אויסגעבויט אַן אייגענעם גרויסן בנין. נעמט אַ גרויסן אָנטייל אין פּינסקער געזעלשאַפטלעכן לעבן, איז פאָרזיצער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, „תרבות“, גרינדער פון „הכח“,



„השומר הצעיר“, פאָלקס-אוניווערסיטעט א. אַז. וו. אַלס פאָרזיצער פון דער צענטראַלע פאַר יתומים-פאַרזאָרגונג אין פּאָלעסיע פון יאָר 1922 אָן, העלפט ער פיל מיט צו דער אויפבויאונג פון אַ גרויסע זומער-קאָלאָניע אין דאָמאַטשעוו, אַ בורסע אין פּינסק, וואַרשטאַטן א. א., איז מיטגליד פון דער וואָיעוואָדישער געזעלשאַפטלעכער שוץ-קאָמיסיע. מ. איז אויך מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע פון פאַרבאַנד פון די צענטראַלעס פאַר יתומים-פאַרזאָרגונג אין פּוילן, פון צ. ק. פון „תרבות“ אין פּוילן, אַלפּוילישער „חברת דורשי האוניברסיטה בירושלים“, פון ציוניסטישן פּאַרטיי-פּלענום א. א.

**מאירסאָן** עמיל. באַוואוסטער פילאָזאָף און געוועזענער דירעקטאָר פון יק״אַ. געבאָרן אין לובלין אין יאָר 1859. זיך געלערנט אין דייטשע מיטלשולן און שטודירט די וויסנשאַפטן פון אַ הויכשול אין לייפּציגער, בערלינער, געטינגענער און היידלבערגער אוניווערסיטעטן. אָנהויב די 80-ער יאָרן קומט ער קיין פראַנקרייך, וואו ער באַזעצט זיך אויף שטענדיק. פאַרלאָזנדיק דאָס לאַנד בלויז אויף צו מאַכן עטלעכע נסיעות. לכתחילה אַרבעט ער אַלס כעמיקער אין דער לאַבּאָראַטאָריע פון קאָלעזש דע פראַנס. דערנאָך טרעט ער אריין אין דער אינדוסטריע, כדי צו פאַרדינען אויפן



לעבן און גיט אָפּ די פרייע צייט אויף טעאָרעטישע שטודיעס דער עיקר איבער דער געשיכטע פון כעמיע. ווייטער איז ער אין משך פון 9 יאָר (1889—1898) רעדאַקטאָר פון דער אויסלענדישער פּאָליטיק ביי דער האוואַס-אַגענטור.

די געשיכטע פון כעמיע ברענגט מ. צו דער געשיכטע פון וויסנשאַפטן בכלל און פון דאָרט צו פילאָזאָפישע שטודיעס. ער שטודירט פילאָזאָפן און וויסנשאַפטלער אין לאַטייניש, פראַנצויזישן, דייטשן, ענגלישן און איטאַליענישן מקור, ווי אַ וואונדערבאַרער פּאָליגלאָט. אין יאָר 1908 גייט אַרויס זיין קאַפּיטאַלע ווערק „אידענטישקייט און רעאַליטעט“, אין יאָר 1921 צוויי בענדער „וועגן ערקלערונגען אין פילאָזאָפיע“ און אין 1925 „די רעלאַטיוויסטישע דעדוקציע“. פאַר זיינע ווערק, וואָס זיינען געשריבן אויף פראַנצויזיש און פאַרעפנטלעכט אין פראַנקרייך, שטעלן די פראַנצויזישע געלערנטע אַוועק מאירסאָנען אין איין ריי מיט די פראַנצויזישע פילאָזאָפן פון דער וויסנשאַפט נאָך דאַלאַמבערן, לאַזאַר קאַרנאָ, אַמפּער, אויגוסט קאָנט, קורנאָ, רענואוויע און פאַררעכענען אים אין דער ערשטער ריי פון די מאָדערנע דענקער. דעם 27-טן נאָוועמבער 1926 ווערט מ. נאָמינירט פאַר אַ מיטגליד פון דער פראַנצויזישער אַקאַדעמיע פאַר מאָראַלע און פּאָליטישע וויסנשאַפטן. מ. פאַרנעמט זיך דערהויפּט דערמיט, וואָס מען רופט היינט „עפּיסטעמאָלאָגיע“, ד. ה. סיסטעמאַטישע חקירה פון דער וויסנשאַפט און וויסנשאַפטן. אַ באַגייסטערטער אַרטיקל וועגן מ. איז לעצטנס אָפּגעדרוקט אין „לאַרוס מענסועל“ (נומ׳ 254, פּאַריז, אַפּריל 1928). פּראָפ. א. ראַבאַק פון אַמעריקע אין זיין ווערק „די יידישע השפּעה אין מאָדערנעם געדאַנק“ (ענגליש,

קעמברידזש מאַס.„ 1929) ווייזט אָן אויף דעם אַרטיקל אַלס באַווייז, ווי ווייט די פראַנצויזישע ענציקלאָפּעדיסטן און ביאָגראַפן האָבן אַנעקסירט די באַרימטסטע יידישע דענקער, וויסנשאַפטלער, מוזיקער א. אַז. וו. ער ברענגט אַ ביישפּיל (אין קאַפּיטל „קולטורעלער פּאָגראָמס") פון דעם אָנגערופענעם „לאַרוס מענסועל", וואו „דער באַרימטער דענקער און געלענטער עמיל מאירסאָן, אַן עמיגראַנט פון פוילישן געטאָ, ווערט באַשריבן אַלס „פילאָזאָף, וואָס האָט זיך באַנוצט מיט דער פראַנצויזישער שפּראַך".

אין יאָר 1898 איז מ. אָנגעקומען אין יק"אָ, וואו ער איז שפּעטער געוואָרן דירעקטאָר, דערנאָך הויפּט-דירעקטאָר און וואו ער איז געווען טעטיק ביז 1924. אָפּאַרבעטנדיק אין יק"אָ 26 יאָר, האָט מ. פאַרלאָזן די געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט און גיט זיך אָפּ אין זיין וואוינונג אין פּאַריז מיט זיינע וויסנשאַפטלעכע ווערק.

דער נאָמען פון מ. איז ענג פאַרבונדן מיט דער אויפבוי-טעטיקייט פון „יעקאָפּאָ" אין ווילנע. אין יאָר 1921 האָט מ. באַזוכט ווילנע מיט דעם ספּעציעלן צוועק אונטערצוהאַנדלען מיט „יעקאָפּאָ" וועגן דער אויפבויאונג פון די חרוב-געוואָרענע פון דער מלחמה הייזער, וואָס האָט אויך געבראַכט צו דעם געווינטשטן ערפאָלג און געלייגט דעם יסוד פאַר דער דאָזיקער וויכטיקער אַקציע (ז. אויבן זייטן 139—141, 146, 163—165, 179). צוזאַמען מיט אַ באַפולמעכטיקטן פון „יעקאָפּאָ" האָט מ. דאַן אויך באַזוכט סמאָרגאָן, כדי צו באַקענען זיך מיט די חורבנות פון דער מלחמה און מיט דעם כאַראַקטער פון דער אויפבויאונג אויף אָן אָרט. מ. האָט אַרויסגעוויזן אַ גרויסע פאַרשטענדעניש פאַר דער זאַך און אַ הויכע הומאַניטאַרע באַציאונג צו די צוועקן פון דער אַקציע. אין די געשפּרעכן האָט ער זיך באַנוצט מיט רוסיש און פויליש און האָט אויך אַרויסגעוויזן אַ קענטעניש פון יידיש, דורכוואָרפנדיק ניט איין יידישן וויץ און יידישע פאָלקסווערטלעך, וועלכע ער האָט נאָך אַזוי פיל יאָרן גוט געדענקט פון זיין יידיש-פוילישער היים-שטאָט.

**מוקאַטשיי** משה. געבאָרן אין יאָר 1892 אין ליאַכאָוויטש (באַראַנאָוויטשער פּאָוויאַט). די קינדער-יאָרן פאַרבראַכט אין אָדעס. דאָרט אויך באַקומען די ערשטע בילדונג אין אַ רעגירונגס-שול פאַר יידישע קינדער, ווי אויך אין אַ חדר. דערנאָך זיך געלערנט אינדערהיים. סוף 1905 נאָכן פּאָגראָם פאַרלאָזן אָדעס און געוואַנדערט אין פאַרשיידענע שטעט אין ליטע. אין 1906 אָנגעקומען אין ביאַליסטאָק. אין 1909 אַריינגעפאָרן אין באַראַנאָוויטש. אין 1915 בעת דעם וועלט-קריג אַריינגעצויגן אין



מיליטער און אין איינקע וואָכן אַרום אָפּגעשיקט געוואָרן אויף די פאָדערשטע פּאָזיציעס. אָנטיילגענומען אין פאַרשיידענע שלאַכטן אויפן דייטשן און עסטרייכישן פראָנט. אויסגעשטאַנען ניט ווייניק נגישות אַלס ייד. נאָך דער אָקטאָבער-איבערקערעניש, ווען דאָס מיליטער ווערט פונאַנדערגעלאָזט, פאַרבליבן אַ שטיק צייט אין וואָלאַזשין, ניט קאָנענדיק קומען אַ היים. מיט גרויסע שוועריקייטן אָנגעקומען אין באַראַנאָוויטש, וואו עס זיינען נאָך געווען די דייטשן, און נאָך באַוויזן אַריינצוכאַפּן ביי די צוואַנגס-אַרבעט.



אין 1919, ווען עס ווערט מיט דער דערלויבעניש פון דער מיליטערישער מאַכט געשאַפן אין באַראַנאָוויטש אַ ציימווייליקע קהילה, אַריינגעטראָטן אין איר און אַקטיוו געאַרבעט. אין 1920, ווען עס ווערן דורכגעפירט דעמאָקראַטישע וואַלן צו דער קהילה, אויסגעקליבן אַלס ראַטמאַן פון דער ליסטע „צעירי-ציון". שפּעטער אויסגעקליבן אין פאַרוואַלטונג, וואו אַקטיוו געאַרבעט ביזן יאָר 1928, ביז צו די וואַלן פון דער נייער קהילה. אינצווישן געווען אַ מיטגליד פון דער צענטראַלע פאַר מעדיצינישער פאַרזאָרגונג און פאַר יתומים-פאַרזאָרגונג אין ביאַליסטאָקער ראַיאָן. אין 1926 אויסגעקליבן פון דער ליסטע רעכטע „פּועלי-ציון" אַלס ראַטמאַן אין באַראַנאָוויטשער שטאָטראַט. אין 1929 ווידער אויסגעקליבן אַלס ראַטמאַן. מ. איז מיטגליד פון פאַרוואַלטונג פון דער פאָלקס-באַנק אין באַראַנאָוויטש, זינט איר גרינדונג. אַקטיוו פאַרטראָטן אין אַ ריי געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע אָרגאַניזאַציעס ווי שול, ביבליאָטעק, „טאָז", „אָרט" א. אַז. וו. אין 1928 אויסגעקליבן אין פאַרוואַלטונג פון דער צענטראַלער יידישער פאָלקס-באַנק אין ווילנע און איז מיטגליד פון ראַט פון קאָאָפּעראַטיוון פאַרבאַנד אין וואַרשע. פון יאָר 1929 איז מ. לאַווניק אין באַראַנאָוויטשער מאַגיסטראַט (אויסגעקליבן דורך אַ הסכם פון דער מערהייט פון די יידישע ראַטמענער). פון יאָר 1924 ביז אויף היינטיקן טאָג איז מ. פאַרטרעטער פון „יעקאָפּאָ"



פאַר דער יתומים-אַרבעט אין באַראַנאָוויטשער קרייז.

**מעכאַניק** יוסף. געבאָרן אין אָסטרין (ניט ווייט פון גראָדנע) אין יאָר 1882. געלערנט אין חדרים, ישיבות און געענדיקט אַ רוסיש-יידישע פאָלקסשול. פאַרנומען זיך מיט לערעריי. געווען אַ מאַנופאַקטור-קרעמער.

פון יאָר 1906 זיך באַזעצט אין זשעלודאָק, וואו אין יאָר 1908 געגרינדעט די יידישע ליי- און שפּאָר-קאַסע. אין יאָר 1920 געגרינדעט די באַנק (וועלכע איז חרוב געוואָרן אין דער צייט פון מלחמה) פון דאָס ניי און פון דאַן אָן ביז אויף היינטיקן טאָג איז מ. פאָרזיצער פון איר פאַרוואַלטונג.

פון יאָר 1921 מיט דער גרינדונג פון דער צענטראַלער קאָאָפּעראַטיווער פאָלקסבאַנק אין ווילנע איז מ. מיטגליד פון איר פאַרוואַלטונג ביז איצט און פון יאָר 1923 מיט דער גרינדונג פון דער ווילנער עקספּאָזיטור פון ייד. קאָאָפּעראַטיוון פאַרבאַנד אין פוילן איז מ. אינספּעקטאָר פון די פאָלקסבענק אין ווילנער ראַיאָן.

מ. האָט זיך באַטייליקט אַלס דעלעגאַט פון זשעלודאָק אויף אַלע דריי געגנט-קאָנפערענצן פון „יעקאָפּאָ" אין ווילנע אין די יאָרן 1919, 1922 און 1924 און גענומען אָנטייל אין פאַרשיידענע אַרבעטן און אויפטראָגן פון קאָמיטעט „יעקאָפּאָ" און פון „יעאָס" אין ווילנע.

**ניישטאַט** לייב. געבאָרן אין גאָרקי (מאָהילעווער גוב.) אין יאָר 1885. באַקומען אַ פּעדאַגאָגישע בילדונג און געווען אַ לערער



אין מיטל- און אָנפאַנגס-שולן. אין די יאָרן 1907—1908 גענומען אָן אָנטייל ביים שאַפן די ערשטע שבת-שולע און שפּעטער אָוונטקורסן פאַר דערוואַקסענע (אויף יידיש) אין וואַרשע. געווען אַ פאַרוואַלטונגס-מיטגליד און נאָכדעם אַ פאָרזיצער פון יידישן לערער-פאַראיין אין וואַרשע און אין נאָמען פון פאַראיין אינטערווענירט אין יאָר 1909—1910 ביי דער רוסישער שול-מאַכט וועגן איינפירן קאָניקול אין די חדרים און פּריוואַטע אָנפאַנגס-שולן. אין יאָר 1914 גרינדער פון פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון די וואַרשעווער

קהילה-אנגעשטעלטע, וואו אויך געווען פארזיצער (נ. איז אליין צען יאר געווען א אנגעשטעלטער פון ווארשעווער קהילה), האט מיטגעהאלפן גרינדן דעם ערשטן פארלאג („שול-בוך") אויף ארויסצוגעבן שול-ביכער פאר די יידישע שולן אין ווארשע און געווען פארוואלטונגס-מיטגליד פון דינעזאן-קאמיטעט. אין דער צייט פון אקופאציע דערלאנגט דער דייטשער מאכט א געניטעם מעמאראנדום וועגן יידישן שול-וועזן מיט דער יידישער אונטערריכטס-שפראך. אין יאר 1919 געווען דעלעגאט צום ערשטן און צווייטן אלגעמיינעם ארבעטער-ראט אין ווארשע, געארבעט אין אלגעמיינעם ארבעטער קולטור-אמט, זיך באטייליקט אין צוזאמענפאר פון די ראטמענער פון „בונד" אלס ערשטער קאנדידאט צום ווארשעווער שטאטראט אין יאר 1925.

פון יאר 1920 האט נ. אנגעהויבן צו ארבעטן אין ד. ד. ק. אלס פארוואלטער פון דער אפטיילונג פאר קינדער-פארזארגונג אויף וואלין אין ראוונע, פון יאר 1921 אין דער הויפט-ביורא פון „דזשוינט" אין ווארשע פאר דערזעלבער ארבעט אויף גאנץ פוילן. מיט דער גרינדונג פון פארבאנד פון די צענטראלעס פאר יתומים-פארזארגונג אין פוילן אין יאר 1923 איז נ. מיטגליד פון עקזעקוטיווע און פרעזידיום פון פארבאנד און גלייכצייטיק פארטרעטער פון ד. ד. ק. פאר יתומים-ארבעט אין פוילן ביז אויף היינטיקן טאג.

**סטאראבין** אברהם. געבארן אין יאר 18[illegible] אין ראקאוו. איז דארט אפטייקער פון יאר 1914. האט אנטוויקלט אין ראקאוו



א גרויסע געזעלשאפטלעכע טעטיקייט. איז דער גרינדער און ערן-פארזיצער פון דער דארטיקער ביבליאטעק, איינער פון די גרינדער און פארזיצער פון דער קאאפעראטיווער פאלקסבאנק, גרינדער און ערן-פארזיצער פון דער גמילות-חסדים-קאסע, ראטמאן פון קהילה. האט אין יאר 1918 ארגאניזירט א קאמיטעט צו העלפן די היימלאזע, ארויסגעטריבענע דורך דער צארישער מאכט פון די מערב-געביטן פון אמאליקן רוסלאנד, וועלכע האבן זיך אנגעקליבן





אין ראקאוו אין א צאל פון 200. דער קאמיטעט האט אין משך פון אנדערטהאלבן יאר געפירט די הילפס-אקציע (אן קיין שום אויסערלעכער אונטערשטיצונג), וואס האט אפגעראטעוועט די היימלאזע פון אונטערגאנג און זיי געגעבן די מעגלעכקייט שפעטער צו דערווארטן זיך ווייטערדיקע הילף, עוואקואירן און איינארדענען זיך.

א באזונדערס ענערגישע טעטיקייט אנטוויקלט ס. אויך אויפן געביט פון פארזארגן די יתומים. ער איז פארזיצער פון ראקאווער יתומים-קאמיטעט און האט פיל אויפגעטאן אין הינזיכט פון איינארדענען די קינדער ביי א פאך, שטייענדיק ביי דער דאזיקער ארבעט אין א נאענטן קאנטאקט מיטן קאמיטעט „יעקאפא" אין ווילנע.

**סעגאל** בערנארד (באלעסלאוו). געבארן אין יאר 1896 אין גראבין (קורלאנד). די קינדער- און יוגנט-יארן פארבראכט אין ווארשע, וואו ער האט באזוכט א גימנאזיע, איז דערנאך אוועקגעפארן קיין פעטערבורג,



אויסגעהאלטן אלס עקסטערן און אנגעקומען פאר א צוהערער פון די העכערע אגראנאמישע קורסן.

אין יאר 1919 איז ס. געקומען קיין ווילנע, וואו ער האט אויף דער איינלאדונג פון ד"ר א. מאקאווער ז"ל, וועלכער איז געווען א נאענטער פריינד פון דער פאמיליע סעגאל, אנגעהויבן צו ארבעטן אין דער גרויסער יורידישער הילפס-קאמיסיע וועגן די ארעסטירטע (וועלכע איז דאן אנטשטאנען ביים קאמיטעט „יעקאפא") דערהויפט אין די באציאונגען מיט דער פוילישער מאכט. ס. האט דאן אויך איבערגעזעצט דעם באוואוסטן מעמאראנדום וועגן די בלוטיקע אפריל-געשעענישן. ווען די קאמיסיע איז זומער 1919 פון „יעקאפא" טיילווייז ליקווידירט געווארן, איז ס. אריבער אין דער ווילנער קהילה, וואו ער האט צוזאמען מיטן אדוואקאט ע. סמילג ארגאניזירט די יורידישע אפטיילונג, וועלכע האט עקסיסטירט ביז זומער 1920. ס. האט פערזענלעך פיל אינטערווענירט ביי דער ציווילער און מיליטערישער מאכט אין ווילנע, ניט זעלטן צו טעלעכע מאל א טאג און האט אין א ריי





פאלן פארהאלטן דאס ארויסשיקן די ארעסטירטע אין די קאנצענטראציאנס-לאגערן. אלס באפולמעכטיקטער פון פרעזידיום פון קהילה איז ס. דאן אויך געווען דער נאענטסטער מיטארבעטער פון הרב רובינשטיין אין די צאלרייכע אינטערווענץ-ענינים. אין אווגוסט 1920, ווען אין ווילנע זיינען געווען די ליטווינער, האט „יעקאפא" דעלעגירט ס. אין דער אפטיילונג פאר סאציאלע פארזארגונג, וועלכע האט דאן געהאט א גרויסע ארבעט, ווייל די גאנצע כוואליע היימלאזע איז געגאנגען דורך ווילנע. ווען דעם 9 אקטאבער 1920 זיינען אריין אין ווילנע די חיילות פון גענעראל זשעליגאווסקי און ס'האט זיך אנגעהויבן דער פעריאד פון אזויגערופענער מיטל-ליטע איז ס. נאמינירט געווארן פאר א סעקרעטאר פון דער אויספארשונגס-קאמיסיע ביי דער צייטווייליקער רעגירונג. די דאזיקע קאמיסיע האט זיך געפונען ביים יוסטיץ-דעפארטאמענט און האט געהאט דעם צוועק אויסצופארשן די עקסצעסן בנוגע דער יידישער באפעלקערונג. אין איר זיינען אויך געווען מיטגלידער הרב י. רובינשטיין און אדוו. איסידאר גארדאן ז"ל. גלייכצייטיק מיטן ערפילן די פונקציעס פון א סעקרעטאר אין דער אנגערופענער קאמיסיע איז ס. געווען א פארוואלטער פון דער היימלאזע-אפטיילונג פון „יעקאפא".

אין יענער צייט האט זיך די מאכט געווענדעט צו דער יידישער קהילה מיט א פארשלאג צו דעלעגירן א יידן אויפן פאסטן פון א געהילף-קאמענדאנט פון דער פאליציי אין ווילנע און אויף דעם דאזיקן פאסטן איז דעלעגירט געווארן סעגאל, וועלכער האט פארנומען דעם אמט פון 25 אקטאבער 1920 און פון 10 יאנואר ביזן 7 מערץ 1921 האט ס. אויך ערפילט די פליכטן פון א קאמענדאנט פון דער פאליציי אין ווילנע*). און היות ווי דאן האט נאך ניט עקסיסטירט קיין אמט פון א שטאטישן סטאראסטע, האט ס. ערפילט די דאזיקע פונקציעס, זייענדיק דער פאקטישער נאטשעלניק פון שטאט ווילנע. דעם 25 יולי 1921

---

*) ס'איז אינטערעסאנט צו ברענגען דעם דאקומענט וועגן דער דאזיקער נאמינאציע, וועלכער איז (פארקירצט) פאלגנדער:

**R O Z K A Z**

**Naczelnika Wydziału Bezpieczeństwa Publicznego Departamentu Spraw Wewnętrznych.**

**Nr. 12**

**Dnia 10 Stycznia 1921 roku**

**1. Komendant Policji Miejskiej P. Piotraszkiewicz przystąpi natychmiast po otrzymaniu niniejszego rozporządzenia do oddania osobiście zastępcy swemu P. Segalowi obowiązku Komendanta Policji miasta Wilna.**

**2. Od dnia dzisiejszego wszystkie rozporządzenia wewnętrzne w Komendanturze policji i zewnętrzne w Komisarjatach należą do obowiązku p. Segala.**

**(—) Lisowski**
**Pułkownik i Naczelnik Wydziału.**

האט זיך ס. אנגעגעבן אין דעמיסיע, באקומענדיק א דאנק פאר דער ארבעט און פאר דעם „ארויסגעוויזענעם הויכן בירגערלעכן געפיל".

ס. האט צום דריטן מאל אנגענומען ארבעט אין „יעקאפא", וואו ער איז געווען דעלעגירטער אין דער אויפבוי-אפטיילונג און דערנאך ווידער אין דער היימלאזע-אפטיילונג.

אנהויבנדיק פון יאר 1922 האט זיך ס. אפגעגעבן דער פעדאגאגישער ארבעט אלס לערער (אויף פויליש, איז אויך געווען אויף דעם געבי"ס טעטיק געזעלשאפטלעך), מיט וועלכער ער פארנעמט זיך ביז אויף היינטיקן טאג.

**סענאטאר** ווערנער ד"ר. געבארן אין בערלין אין יאר 1896. געענדיקט אוניווערסיטעט אלס עקאנאמיסט, אויך שטודירט יוריספרודענץ און לאנדווירטשאפט. דריי א האלב יאר געווען אויף דער וועלט-מלחמה.



פון יאר 1914 געהערט צו דער יידישער נאציאנאלער באוועגונג (ציוניזם) אין דייטשלאנד און איז אנהענגער פון „אחדות העבודה". נאכן סוף פון דער מלחמה אין יאר 1918 אנגעהויבן צו פארנעמען זיך מיט סאציאלער ארבעט צווישן די מזרח-יידן, ספעציעל אויפן געביט פון ארבעטס-נאכווייז און פריוואטער פארזארגונג. אין יאר 1920 געארבעט צום אנהויב אלס צווייטער סעקרעטאר און דאן אלס פארוואלטער פון ארבעטער-פירזארגעאמט פון די יידישע ארגאניזאציעס אין דייטשלאנד, וואס האט געהאט דעם צוועק פון פאליטישן שוץ, סאציאלער הילף און עקאנאמישער ארגאניזירונג פון די מזרח-יידישע היימלאזע אין בערלין.

אין הערבסט 1921 איז ס. געווארן געהילף-דירעקטאר פון היימלאזע-דעפארטאמענט פון דעם אמעריקאנער „דזשוינט דיסטריבושן קאמיטעט" (ג. ד. ק.) אויף אייראפע און האט זיך באזונדערס באשעפטיקט מיט דער פראדוקטיווער הילף פאר די היימלאזע. זומער 1923 איז ס. צוליב אייניקע פרינציפיעלע מיינונגס-פארשיידנהייטן ארויסגעטראטן פון „דזשוינט". האט ווייטער פארגעזעצט זיינע פריוואטע שטודיעס און האט זיך צוגעגרייט פאר ארבעטן אין פאלעסטינע. אין יאר 1924 קומט ס. קיין ארץ-ישראל, וואו ער טרעט אריין אין דער פארוואלטונג פון דעם ארבעטער קאנסום- און פארקויפס-קאאפעראטיוו „המשביר" און ארבעט דארט ביז מאי 1925, ווען ער ווערט צוריק ארויסגערופן קיין בערלין און פון סעפטעמבער 1925 ביז סעפטעמבער 1926 ארבעט ער ווידער אין דעם היימלאזע-דעפארטאמענט פון ד. ד. ק. אלס פארוואלטער.

פון 1926 ווערט ס. גענעראל-סעקרעטאר פון „דזשוינט" אויף אייראפע און נאענטער מיטארבעטער אין דער „פונדיישן" ספעציעל פאר פוילן. דעם דאזיקן אמט פארנעמט ס. ביז פעברואר 1930, ווען ער איז איינגעלאדן געווארן אלס פינאנסיעלער פארוואלטער פון דער אלוועלטלעכער ציוניסטישער עקזעקוטיווע אין ירושלים און איז אויסגעקליבן געווארן אלס מיטגליד פון דער אנגערופענער עקזעקוטיווע מצד דער יידישער אגענץ. ס. האט אנגענומען דעם אמט און אין פרילינג 1930 זיך באזעצט אין ארץ-ישראל.

ס. האט פיל מאל באזוכט פוילן (איז אויך געווען עטלעכע מאל אין ווילנע) און האט א סך מיטגעהאלפן דער ייד. הילפס-טעטיקייט אין פוילן בכלל און דער קאאפעראטיווער באוועגונג בפרט. האט זיך נעענטער צונויפגעלעבט מיט דער ארבעט און טוער און האט זיך אויסגעלערנט גוט יידיש, נעמענדיק א טעטיקן אנטייל אין די צוזאמענפארן, בעראטונגען און זיצונגען פון די ארגאניזאציעס אין פוילן. מיטן געגנט-קאמיטעט „יעקאפא" אין ווילנע איז ס. געשטאנען אין א פארבינדונג אין משך פון אייניקע יאר און האט מיטגעווירקט צו א ריי פון זיינע הילף- און אויפבוי-אקציעס.

**עליאשבערג** גרשון. געבארן אין יאר 1876 אין נאוואגרודעק. שטאמט פון דער דארטיקער באקאנטער משפחה הרכבי. געלערנט אין חדר, געענדיקט די שטאטישע פאלקסשול, געווען אן עקסטערן, אפטייק-שילער אין דווינסק (זיין פאטער איז אויך געווען א דראגיסט), אויסגעהאלטן עקזאמען אלס געהילפס-פראוויזאר אין דער מיליטעריש-מעדיצינישער אקאדעמיע אין פעטערבורג און באקומען אין יאר 1900 דעם טיטל פראוויזאר אין יוריעווער אוניווערסיטעט. אלס אפטייקער געארבעט אין פעטערבורג, נאוואגראדער און פסקאווער גוב. אין יאר 1912 געווארן פארוואלטער פון דער אפטייק אין קארעליטש (ניט ווייט פון נאוואגרודעק), דער אינהאבער פון וועלכער איז געווען אברהם אבראמאוויטש (פלימעניק פון מענדעלי מוכר ספרים, וואוינט איצט אין מיכיילישעק ווילנער געגנט). אין יאר 1915 האט זיך ע. עוואקואירט אין פעטערבורג און פון דארט אין נידער-אוראלסק. אין יאר 1919 האט ער באזוכט דעם מעדיצינישן פאקולטעט פון סאראטאווער אוניווערסיטעט. אין יאר 1921 זיך אומגעקערט צוריק אין קארעליטש, וואו ער איז אפטייקער ביז אויף היינטיקן טאג.



מיט געזעלשאפטלעכער ארבעט האט זיך ע. פארנומען נאך פון די יונגע יארן אן. אין נאוואגרודעק איז ער געווען טעטיק אין „שוקדי מלאכה", אין דווינסק האט ער מיטגעהאלפן ארגאניזירן אויסערשולבילדונג-קרייזן פאר דער דארטיקער יוגנט. אין פסקאווער גוב. איז ער אריינגעצויגן געווארן אין סאציאל-דעמאקראטישע קרייזן, וואו ער איז געווען א טעטיקער מיטגליד. אין נידער-אוראלסק איז ער געווען דער פארזיצער פון פארמאצעוטן און פון פאראיין פון די אפטייק-אנגעשטעלטע.

אומקערנדיק זיך אין קארעליטש, האט ע. אפגעגעבן זייער פיל ענערגיע און צייט אויפצוריכטן די חרוב-געווארענע פון דער מלחמה שטעטל. ע. האט זיך גלייך געשטעלט אין א פארבינדונג מיט „יעקאפא" אין ווילנע און איז פון דאן אן ביז איצט פון זיינע נאענטסטע ערנאמטלעכע מיטארבעטער אין דער פארווארלאזטער פראווינץ. געווען דעלעגאט פון קארעליטש אויף דער צווייטער און דריטער געגנט-קאנפערענצן פון „יעקאפא" און איז מיטגליד פון זיין פלענום. אין קארעליטש האט ע. געשאפן און איז פארזיצער פון אלע דארטיקע אינסטיטוציעס, ווי קאאפ. פאלקסבאנק, אויפבוי-קאמיסיע, קהילה, גמ"ח א. א. ע. איז אויך א מיטגליד פון קרייז-סיימיק און איז געאכטעט ביי דער יידישער און ניט-יידישער באפעלקערונג פון געגנט.

**עלקין** מענדל. געבארן אין יאר 1874 אין דארף בראזשע ביי באברויסק, וואו שפעטער זיך באזעצט. געלערנט ביי מלמדים אינדערהיים און אין א ישיבה, געווען אן עקסטערן, געענדיקט אלס צאן-דאקטאר, געשריבן אין דער פראווינציעלער פרעסע, זיך פארנומען מיט געשעפטן און געווארן א וואלד-סוחר. א גרויסער ליבהאבער פון יידישער ליטעראטור און קונסט האט זיך

ע. שטאַרק באַפריינדעט מיט אַ ריי יידישע שרייבער, איז געווען אַן אינטימער פריינד פון א. ווייטער ז"ל און פון פּרץ הירשביין, וועלכע פלעגן ביי אים אָפט זיין צו גאַסט. האָט אַרויסגעגעבן דורך דעם פאַרלאַג „מנחם“ הירשביינס אַ פּאָר ווערק, אַ צענדליק יאָר געשפּילט טעאַטער, געווען רעזשיסער אין קיעוו א. א., זיך באַטייליקט אין יידישן קאַמער-טעאַטער אין פּעטערבורג, וואו זיך באַזעצט. אין יאָר 1915 געווען באַשעפטיקט אין אַ וואַלד-קאָנצעסיע אין סיביר.



ווען ס'האָט אויסגעבראָכן בעת מלחמה די ערשטע רוסישע רעוואָלוציע אין יאָר 1917 איז ע. געווען אויפן רוסישן מערב-פראָנט אַלס סאָלדאַט. איז אינגיכן באַפרייט און אויסגעוויילט געוואָרן אין באָברויסקער ראַט פון די אַרבעטער-דעפּוטאַטן, וואו ער איז פאַרבליבן ביז יוני 1917. זיך אומגעקערט קיין פּעטערבורג, וואו ער איז געווען פאַרוואַלטער פון דער צייטונג „פאָלקסבלאַט“. נאָך דער צווייטער רעוואָלוציע צוליב הונגער פאַרלאָזן פּעטערבורג און אוועק צוריק קיין באָברויסק, וואו ער האָט געאַרבעט אין בילדונגס-קאָמיסאַריאַט אַלס פאַרוואַלטער פון קונסט-אָפּטיילונג.

אין יאָר 1919 איז ע. געקומען קיין ווילנע, וואו אינגיכן געוואָרן צייטווייליקער פאַרוואַלטער פון די פּראָדוציר-קאָאָפּעראַטיוון (פאַרבייטנדיק זיין שוואָגער אינזש. י. אַקון) און האָט פיל פאַר זיי אויפגעטאָן. גלייכצייטיק האָט ע. געאַרבעט אין „יעקאָפּאָ“ אַלס קאָנטראָליאָר איבער די אַנשטאַלטן און אין יאָר 1921 אַ געוויסע צייט אַלס באַפולמעכטיקטער פאַר אויפבוי-ענינים.

ע. האָט אין ווילנע אַנטוויקלט אַ באַדייטנדע קולטור-טעטיקייט. געווען נאָענטער טוער, איינצייטיק אויך רעזשיסער און פאַרוואַלטער פון דער יידישער טעאַטער-געזעלשאַפט, וועלכע האָט מיט גרויס ערפאָלג דורכגעפירט אַ ריי יידיש-קינסטלערישע פאַרשטעלונגען אין ווילנער שטאָט-טעאַטער (די אַרטיסטן זיינען געווען זשעלאַזאָ, עלמית, אזרא א. א., שפּעטער אויך א. מאַרעווסקי, אַ געוויסע צייט איז געווען רעזשיסער דוד



הערמאַן), האָט געהאַלטן פאָרטראָגן, איבערזעצט אייניקע דראַמאַטישע ווערק (פאַרלאַג פון ב. קלעצקין), געדרוקט אַרטיקלען, אין יאָר 1920 ווידער מאָביליזירט געוואָרן אַלס קאָמיסאַר פאַר קונסט-ענינים.

אין יאָר 1923 האָט ע. אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע, וואו זיך באַזעצט אין ניו-יאָרק און פירט ווייטער זיין קינסטלערישע און געזעלשאַפטלעך-קולטורעלע טעטיקייט. צוזאַמען מיט ש. ניגער און ד"ר א. מוקדוני רעדאַקטירט דעם „טעאַליִם“ (אַרויסגעגעבן פון דער יידישער טעאַטער-געזעלשאַפט, ניו-יאָרק 1923—1924), אויפגעפירט טעאַטער-פאָרשטעלונגען, פאַרעפנטלעכט אַרטיקלען, איז באַטייליקט אין דער יידישער קולטור-געזעלשאַפט, וואָס האָט דעם 28—30 מערץ 1930 אָפּגעהאַלטן איר ערשטן גרויסן צוזאַמענפאָר אין ניו-יאָרק און פּראָקלאַמירט שאַפונג און טעטיקייט אויף יידיש. אין יאָר 1930 פּריוואַט באַשעפטיקט מיט אַ פּענסיאָן אויף זומער-וואוינונגען.

**עפּרויקין** ישראל. געבאָרן אין יאָר 1884 אין וועקשנע (קאָוונער גוב.). געלערנט אין חדר און ישיבה, אָבער גלייכצייטיק אויך באַקומען אַ וועלטלעכע דערציאונג. שטודירט יורי און עקאָנאָמיק אין בערנער אוניווערסיטעט. פון יאָר 1904 גענומען אַ נאָענטן אָנטייל אין דער יידישער סאָציאַ-



ליסטישער באַוועגונג צוערשט אַלס מיטגליד פון דער גרופּע „וואָזראָזשדעניע“, דערנאָך אַלס פּאַרטיי-טוער פון די סיימאָוועצעס (י. ס.), נאָך דער רעוואָלוציע אין יאָר 1917 איינער פון די גרינדער פון דער יידישער פאָלקס-פּאַרטיי אין רוסלאַנד. האָט פיל געשריבן אין די פּאַרטיי-אָרגאַנען, געווען אַ נאָענטער מיטאַרבעטער אין אַ ריי באַוואוסטע זשורנאַלן און וואָכנבלעטער (ד"ר זשיטלאָווסקיס „דאָס נייע לעבן“, פּעטערבורגער „יידישע וועלט“, ווילנער „וואָך“; „נאָווי וואָסכאָד“, „יעווריייסקי מיר“ א. א.) און איז געווען גוט באַקאַנט אַלס פּובליציסט אונטערן פּסעוודאָנים י. עפּרען.

אין די יאָרן 1911—1917 האָט ע. געאַרבעט אין דער קאָאָפּעראַטיווער אָפּטיילונג פון יק"א אין פּעטערבורג. אין



1914—1915 געווען דירעקטאָר פון דער ווילנער אָפּטיילונג פון דעם באַנק-הויז וואַרשאַווסקי און קאָ. (אונטער דער דאָזיקער פירמע האָט אָפיציעל פיגורירט די קרעדיט-אָפּטיילונג פון דער יק"א), וועלכער האָט באַדינט די יידישע קאָאָפּעראַטיווע אינסטיטוציעס אין די אַמאָליקע רוסישע גובערניעס פון דעם אַזויגערופענעם צפון-מערב קאַנט (ווילנער, קאָוונער, גראָדנער, מינסקער, וויטעבסקער און מאָהילעווער). אין יאָר 1917 אויסגעקליבן געוואָרן אויפן אַלגעמיינעם יידישן צוזאַמענפאָר אין מאָסקווע אין פּרעזידיום פון צענטראַל-קאָמיטעט (ועד) פון די יידישע קהילות אין רוסלאַנד (צע-ועד), וואו געאַרבעט ביז מאַי 1918, ווען דער צע-ועד איז פאַרמאַכט געוואָרן דורך דער ראַטן-מאַכט.

סוף 1919 איז ע. צוזאַמען מיט ה. ב. שליאָסבערג און ל. מ. בראַמסאָן דעלעגירט געוואָרן פון פאַראייניקטן קאָמיטעט פון פּעטראָגראַדער „יעקאָפּאָ“, „אָרט“ און „אָזע“ קיין אויסלאַנד מיטן צוועק צו באַקאָנען די דאָרטיקע גרויסע אָרגאַניזאַציעס מיט די נויטן פון רוסישן יידנטום און מיט דער באַטרעפנדער הילפס-אַקציע. אין יענער צייט, אָנהייב פעברואַר 1920, איז ע. צוזאַמען מיט מ. א. מאַדעל, דעם סעקרעטאַר פון פּעטערבורגער „יעקאָפּאָ“, אויך געווען אין ווילנע און געפירט אונטערהאַנדלונגען וועגן דער הילפס-אַקציע מיטן געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ“ אין ווילנע. אין יאָר 1920 בעת דער גרינדונג פון דער יידישער וועלט-הילף-קאָנפערענץ איז ע. אויסגעקליבן געוואָרן אַלס איר גענעראַל-סעקרעטאַר. האָט זיך באַזעצט אין פּאַריז און האָט פאַרנומען דעם פּאָסטן ביז 1925, ווען די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע איז ליקווידירט געוואָרן. אין 1925 איז ע. אויך געקליבן געוואָרן פון „עמיגדירעקט“ אַלס איינער פון די דירעקטאָרן (די איבעריקע צוויי זיינען געווען ד"ר בערנאַרד כהן פון „דזשוינט“ און עדואַרד אונגער פון יק"א) פון דעם „יונייטעד עוואַקואיישן קאָמיטי“ (פאַראייניקטער עוואַקואַציע-קאָמיטעט) אין פּאַריז, וואָס זיין אויפגאַבע איז געווען צו ליקווידירט דאָס פּראָבלעם פון די היימלאָזע, וועלכע זיינען געבליבן שטעקן אין פאַרשיידענע שטעט און האַפנס צוליב די איינוואַנדערונגס-באַגרענצונגען פון די פאַראייניקטע שטאַטן פון צפון-אַמעריקע (ז. אויבן זייט 714). אין יאָר 1928 איז ע. אויף דער קאָנפערענץ פון יידישע דעפּוטאַטן פון פאַרשיידענע לענדער און פון אַ ריי יידישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס איז פאַרגעקומען אין ציריך, אויסגעקליבן געוואָרן אין עקזעקוטיוו-קאָמיטעט פון „ראַט פאַר די רעכט פון די יידישע מינדערהייטן“ (קאָמיטעט פון די יידישע דעלעגאַציעס.

אונטער דעם פאָרזיץ פון לעאָ מאָצקין) מיטן זיץ-אָרט אין פּאַריז און אין וועמענס אַרבעט ער באַטייליקט זיך נאָך ביז איצט. ע. נעמט אויך אָן אַקטיוון אָנטייל אין יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין פּאַריז און אין זיינע אַקציעס פאַר די קולטורעלע באַדערפענישן פון צענטראַלע יידישע אָרגאַניזאַציעס אין פּוילן און רוסלאַנד. פּריוואַט איז ע. באַשעפטיקט אַלס דירעקטאָר פון אַ גרעסערער אונטערנעמונג פאַר שיף- און טראַנספּאָרט-ענינים אין פּאַריז.

**פּאָדלישעווסקי** אברהם. ז. וויטער.

**פינקעלשטיין** עוזר, אדוו. געבאָרן אין קאָוונע אין יאָר 1863. צו פיר יאָר אַריבערגעפאָרן מיט דער פאַמיליע קיין אָרענבורג (אויפן אוראַל, מזרח-רוסלאַנד), וואו זיין פאָטער איז געוואָרן רב און שפּעטער צוליב בילדן די קינדער אַ געשעפטסמאַן. צו עלף יאָר אָנגעקומען אין אָרענבורגער גימנאַזיע, וואו געווען ביזן פינפטן קלאַס און מחמת שוועריקייטן אין וואוינרעכט צוריק מיט די עלטערן געקומען קיין קאָוונע. די יוגנט-יאָרן, וועלכע פ. האָט פאַרבראַכט אין אָרענבורג, די פאָלקס-שול, וואָס ער האָט דאָרט געענדיקט, דאָס פרייע קאָזאַקישע לעבן, די קאַצאַפּישע חברים אין גימנאַזיע האָבן איבערגעלאָזן אויף דער פאָרמירונג פון זיין כאַראַקטער אַ שטאַרקן איינדרוק, מאַכנדיק פון אים אַליין אַ גוטן קאַצאַפּ און אַ גלענצנדן רייטער אויף קאָזאַקישע פערד, אָבער גלייכצייטיק אויך מיט אַ היפּש ביסל יידישע קענטענישן, וועלכע ער האָט דערוואָרבן אַ דאַנק דעם פאָטער, וואָס זיין פאָטער האָט עקסטרע געבראַכט קיין אָרענבורג אַלס רבי צו זיינע קינדער. און אַזוי האָט פּאַסירט, אַז ווען פ. האָט זיך אומגעקערט קיין קאָוונע שוין אַלס אַ פערצניאָריקער באַוואוסטזיניקער יינגל מיט אַ פרייען און געזונטן גייסט און איז צוריק אַריין אין דער געדיכטעניש פון דער יידישער סביבה, האָט ער צווישן די יידישע חברים פון די עלטערע קלאַסן אין קאָוונער גימנאַזיע, וואָס האָבן זיך אויסגעהאָדעוועט אין אַ יידישער אַטמאָספער, באַגעגנט ניט ווייניק אַזעלכע, וועלכע זיינען דאָן און אויך נאָכדעם, געווען פיל מער אָפּגעריסן פון יידישן לעבן און פון אַלץ, וואָס איז יידיש, ווי ער, דער אָרענבורגער „קאָזאַק". נאָכן ענדיקן די קאָוונער גימנאַזיע, איז פ. אָנגעקומען אין פעטערבורגער אוניווערסיטעט, אין יאָר 1884, אין אַ פּעריאָד פון אַ טיפער רעאַקציע. לויט אַ גליקלעכן צופאַל האָט ער זיך דאָרט געטראָפן מיט זיינע אָרענבורגער חברים, וועלכע זיינען געווען מער פּראָגרעסיוו און נעענטער צו די פרייהייטלעכע באַוועגונגען. פ. האָט געענדיקט דעם יורידישן פאַקולטעט און האָט זיך באַזעצט אין קאָוונע, וואו ער פאַרנעמט זיך מיט אַדוואָקאַטישער פּראַקטיק. זיבעצן יאָר איז ער אָפּגעווען אַ געהילף-אַדוואָקאַט און ערשט נאָך דער רעוואָלוציע פון יאָר 1905 באַקומען דעם טיטל געשוואָרענער אַדוואָקאַט.

מיט געזעלשאַפטלעכע אַרבעט האָט זיך פ. פאַרנומען נאָך אין דער קאָוונער גימנאַזיע, אָרגאַניזירנדיק זעלבסטבילדונגס-קרייזלעך און פאַרשפּרייטנדיק אומלעגאַלע ליטעראַטור. שפּעטער געשטאַנען נאָענט צום „בונד", אָבער אין פּאַרטיי ניט אַריין, ווייל לויט זיינע פּאָליטישע איבערצייגונגען איז ער געווען אַ „נאַראָדניק" און ניט קיין מאַרקסיסט. אין די צייטן פון פּלעווע אָרגאַניזירט דעם טראַנספּאָרט פון אומלעגאַלער ליטעראַטור פון אויסלאַנד און אַליין געפאָרן נאָך איר קיין יורבורג. געפירט אין קאָוונע



די גאַנצע אָפּאָזיציאָנעלע אַרבעט און געקעמפט פאַר יידישע גלייכבאַרעכטיקונג, געווען פּאָליטיש פאַרפאָלגט. גענומען אָן אַקטיוון אָנטייל אין די וואַל-קאַמפּאַניעס צו אַלע פיר דומעס און אַלע פיר מאָל געווען אַ וואַלמאַן, אָבער זיך אָפּגעזאָגט אַרויסצושטעלן זיין אייגענע קאַנדידאַטור פאַר אַ דעפּוטאַט. ביי דער דאָזיקער פּאָליטישער טעטיקייט איז ער געווען דער שאַפער פון די ליטוויש-יידישע באַציאונגען, שטייענדיק נאָענט צו די ליטווישע דעמאָקראַטישע ספערן, האָט אויך געשריבן אין זייער אָרגאַן, מיטאַרבנדיק גלייכצייטיק וועגן יודישע פראַגן אין „פּראַוואָ" און וועגן אַנדערע ענינים אין דער אַלגעמיינער פּראָגרעסיווער פּרעסע. אין די מלחמה-יאָרן געווען אין מאָסקווע, וואו גענומען אָן אָנטייל אין יידיש-ליטווישע פּאָליטישע אַקציעס און פון וועלכער זיך אומגעקערט אין יאָר 1918 קיין ווילנע.

מיט דער גרינדונג פון געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ" אין ווילנע אין פעברואַר 1919 געוואָרן איינער פון זיינע נאָענסטע און איבערגעבנסטע מיטאַרבעטער אַלס מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע ביז דער ערשטער קאָנפערענץ, געשטאַנען בראש פון דער גרויסער יורידישער קאָמיסיע פון „יעקאָפּאָ" און איז געווען דער מחבר פון גענויעם מעמאָראַנדום וועגן די פּאָגראָמען און עקסצעסן אין די בלוטיקע אַפּריל-טעג, וואָס איז אין נאָמען פון דער ווילנער קהילה דערלאַנגט געוואָרן דער פּוילישער מאַכט און דער מאָרגענטוי-קאָמיסיע, פאַר וועלכער ער האָט אָנגעפירט מיט די פאַרבערייטונגס-אַרבעטן פון דער קהילה, מיטן פאַרהער און פּראָטאָקאָלירן פון די טויזנטער געליטענע און עדות און איז געווען דער טוען פון דער יידישער זייט. גלייך פון די ערשטע צייטן, נאָך אין מערץ—אַפּריל 1919, איז פ. געווען דער פאָרזיצער פון דער קאָמיסיע, וואָס „יעקאָפּאָ" האָט געגרינדעט מיטן צוועק אויסצופאָרשן די לאַגע אין די צושטערטע פון דער מלחמה שטעט און שטעטלעך און אויפצוריכטן די חורבנות. צוזאַמען מיטן אַרכיטעקטאָר דניאל ראָזענהויז און מ. שאַליט האָט ער דאַן אויך אויסגעאַרבעט דעם ערשטן פראַגע-בויגן וועגן דער אויפבוי-אַקציע, וואָס איז שפּעטער געפירט געוואָרן פון „יעקאָפּאָ" אין אַזאַ גרויסן פאַרנעם. האָט זיך אויך באַטייליקט אין די אַרבעטן פון אַנדערע קאָמיסיעס און פון פּרעזידיום פון „יעקאָפּאָ".

סוף זומער 1919 האָט זיך פ. אומגעקערט אין קאָוונע, וואו זיך באַזעצט. איז פירער פון דער פאָלקס-פּאַרטיי. ווערט אויסגעקליבן אַלס דעפּוטאַט פון ליטווישן גרינדונגס-סיים, ווי אויך פון די איבעריקע סיימען. אין די יאָרן 1926—1920 געווען וויצע-פאָרזיצער פון יידישן נאַציאָנאַל-ראַט, איז פאָרזיצער פון „היאָס—עמיגדירעקט". אין 1927 זיך באַטייליקט אין דער ציריכער קאָנפערענץ (ז. אויבן זייט 789), פון וועלכער אַרויסגעטראָטן צוליב פּרינציפּיעלע מיינונגס-פאַרשיידנהייטן צוזאַמען מיט די איבעריקע פאָלקיסטישע דעלעגאַטן ה. ד. נאָמבערג, יוסף טשערניכאָוו און ד"ר צ. שאַבאַד (י. עפּרויקין און ש. דובנאָוו זיינען פאַרבליבן). דעם 24 אָקטאָבער 1929 געקומען אויף עטלעכע טעג קיין ווילנע לויט אַ ספּעציעלער ערלויבעניש דורך דער ליטוויש-פּוילישער דעמאַרק-ליניע אַלס דעלעגאַט אויף דער ערשטער קאָנפערענץ פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט.

אין יאָר 1919 געדרוקט אַ גרויסן אַרטיקל וועגן בית-דין אין דער ווילנער „יידישע צייטונג". פיל מיטגעאַרבעט אין דער קאָוונער פאָלקיסטישער צייטונג „נייס" און אין יאָר 1930 אין דעם נייעם דעמאָקראַטישן אָרגאַן „פאָלקסבלאַט". גרייט צו אַ זאַמלבוך מאַטעריאַלן פון זיין אַרכיוו, וואָס זאָל באַשטיין פון: זכרונות, סיים-רעדעס וועגן דער יידישער לאַגע אין ליטע און עטלעכע צענדליק אַרטיקלען.

**פריד** שמואל, רב. געבאָרן אין וואָלאָזשין אין יאָר 1869. שטאַמט פון ר' חיים וואָלאָזשינער, דעם גרינדער פון דער וואָ-

לאָזשינער ישיבה אין יאָר תקס״ב. אויך זיין פאָטער חיים הלל און זיידע אליעזר יצחק זיינען געווען רבנים און ראשי-הישיבה אין וואָלאָזשין. פון דעם מוטערס צד שטאַמט הרב פריד פון די לאַנדאַס, וואָס זייער



יחוס דערגרייכט ביז דעם מהר״ל מפּראָג און וואָס צו זייער משפּחה האָט אויך געהערט דעם ווילנער גאונס זיידע ר׳ משה קרעמער, דער ווילנער רב. פ. איז אויפגעהאָדעוועט געוואָרן אין וואָלאָזשינער ישיבה. אין יאָר תרנ״ט איז ער אויפגענומען געוואָרן פאַר אַן איידים ביים ווילנער מו״צ פון פאַרשטאָט נאָוואָסוויאַט ר׳ יהודה ליב כאַזאַנאָוויטש ז״ל, וואָס זיין יחוס דערגרייכט ביז רש״י. נאָך זיין שווערס פטירה איז פ. געוואָרן מו״צ אויף זיין אָרט, דערנאָך מיטגליד פון ווילנער בד״צ (בית דין צדק) און צולעצט אין יאָר תרע״ח אלס מיטגליד פון ווילנער ועד הרבנים.

הרב פריד נעמט אַ גרויסן אָנטייל אין ווילנער קהלשע ענינים. אין יאָר 1912 נאָך ביילי׳סעס פּראָצעס איז ער געווען מיטגליד פון דער דעלעגאַציע, וואָס די ווילנער געמיינדע האָט געשיקט צו ביילי׳סעס פאַרטיידיקער אדוו. א. גרוזענבערג. אין יאָר 1914, ווען ס׳האָט פּלוצלונג אויסגעבראָכן די וועלט-מלחמה, האָט פ., וועלכער איז דאַן געווען אין נויהיים, געגרינדעט דאָרט אַ קאָמיטעט צו העלפן די היימלאָזע. אומקערנדיק זיך קיין ווילנע, האָט ער דאָ געגרינדעט אַ קאָמיטעט „עזרה מהירה" פאַר די געליטענע פון מלחמה. אין יאָר 1915 איז פ. געווען איינער פון די טעטיקסטע מיטגלידער פון „הילפס-קאָמיטעט" און מיט דער גרינדונג פון געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ" אין ווילנע אין יאָר 1919 ביז איצט איז ער מיטגליד פון עקזעקוטיווע, באַטייליקנדיק זיך אויף אַלע זיינע קאָנפערענצן און נעמענדיק אַן אָנטייל אין זיינע הילפס-אַקציעס און אַרבעטן. גלייכצייטיק איז ער אויך געווען איינער פון די גרינדער פון דער צענטראַלער קאָאָפּעראַטיווער פאָלקסבאַנק אין ווילנע. אַ געוויסע צייט איז פ. געווען פאַרוואַלטער פון דער רעליגיעזער אָפּטיילונג אין דער ערשטער יידישער דעמאָקראַטישער



קהילה אין ווילנע. אין יאָר 1927 מיטגליד פון ווילנער וואַיעוואָדישן קאָמיטעט צו שטיצן די געליטענע פון דער פאַרפּלייצונג אין גאַליציע. פ. איז פאַרטרעטער פון הרב י. רובינשטיין פאַר מעטריקאַציע-ענינים און באַציאונגען מיט דער מאַכט. איז איינער פון די באַליבסטע רבנים און פּערזענלעכקייטן אין ווילנע.

**קאַפּלאַנד** אַדאָלף. געבאָרן אין טיקטין (ביאַליסטאָקער געגנט) אין יאָר 1870. געלערנט אין וואָלאָזשינער ישיבה און אין ביאַליסטאָקער גימנאַזיע. עמיגרירט קיין אַמעריקע אין יאָר 1888, וואו ער האָט שטודירט אין קאָלומביאַ-אוניווערסיטעט. דאַן זיך פאַרנומען מיט אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען. געווען יאָרן-לאַנג טעטיק ביי פאַרשיידענע כלל-אַרבעטן. איז דירעקטאָר פון דער יידישער טשיקאַגער שטאָטישער צדקה-געזעלשאַפט, געוועזענער פּרעזידענט פון טשיקאַגער ברענטש פון בית מדרש לרבנים פון ניו-יאָרק, אַ דירעקטאָר פון די פאַראייניקטע שולן פון אַמעריקע, האָט געגרינדעט די בני ישראל שול אין אַסטין נעבן טשיקאַגאָ און געווען פּרעזידענט פון דער שול אין משך פון יאָרן.



זינט 1917 איז ק. פאָרזיצער פון טשיקאַגער אָפּטיילונג פון „האיאָס" און וויצע-פאָרזיצער פון „האיאָס" אין אַמעריקע, איז פאָרזיצער פון טשיקאַגער „הכנסת אורחים", מיטגליד פון „בני ברית", טשיקאַגער „קונסט-קלוב", טשיקאַגער היסטאָרישער געזעלשאַפט און פון פיל אַנדערע אינסטיטוציעס. אין יאָר 1928 האָט ק. באַזוכט אייראָפּע און פּאַלעסטינע אלס פאַרטרעטער און באַפולמעכטיקטער פון „האיאָס", איז אויך געווען אין ווילנע און זיך נעענטער באַקאַנט מיט דער אַרבעט פון „יעאָס" ביי „יעקאָפּאָ".

**קאַץ** יוסף ראובן יצחק הלוי, רב. געבאָרן אין יאָר 1877 אין שטעטל גודלעווע, סובאַלקער גוב. (איצט קאָוונער ליטע), 7 קילאָמעטער פון קאָוונע. דער פאָטער איז רב אין פּומפּיאַן, קאָוונער ליטע. זיך געלערנט אין חדרים און ביים פאָטער. צום 26-סטן יאָר געוואָרן רב אין ווישינטע, ווילקאָמירער



קרייז, וואו געווען 3 יאָר, דערנאָך אין גלובאָקע, וואו ער איז שוין רב 26 יאָר און שטייט בראש פון אַ ריי אינסטיטוציעס. איז מיטגליד פון דער ווילנער עקזעקוטיווע פון „מזרחי". פון יאָר 1914 ביז אויף היינטיקן



טאָג טעטיקער מיטגליד פון „יעקאָפּאָ". פון יאָר 1922 מיטגליד פון פּלענום פון געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ" אין ווילנע. אין דעם פּנקס זיינען געדרוקט איניקע זיינע זכרונות פון דער מלחמה-צייט.

**קאַן** יוזעף ד״ר. געבאָרן אין יאָר 1880 אין בוטשאַטש (מזרח-גאַליציע). די מיטלשול און אוניווערסיטעט געענדיקט אין לעמבערג אלס ד״ר יורי. אין יאָר 1921 אָנגעהויבן צו אַרבעטן אין צענטראַל-קאָמיטעט פאַר אויפזיכט איבער יידישע יתומים אין לעמבערג (יתומים-צענטראַלע פאַר מזרח-גאַליציע) און אין יאָר 1922 געוואָרן גענעראַל-סעקרעטאַר פון דעם דאָזיקן קאָמיטעט, אָנפירנדיק אלס פאַרוואַלטער מיט דער ביוראָ פון קאָמיטעט ביז אויף היינטיקן טאָג. אלס איינער פון די פאַרטרעטער פון לעמבערגער צענטראַלע זיך פיל מאָל באַטייליקט אין די פּלענאַרע זיצונגען און אַרבעטן פון פאַרבאַנד פון די צענטראַלעס פאַר יתומים-פאַרזאָרגונג אין פּוילן (וואַרשע).

**קלאַפּטען** צעציליאַ ד״ר. געבאָרן אין יאָר 1881 אין טאַרנאָפּאָל (מזרח-גאַליציע) און דאָרט געענדיקט די יידיש-פּוילישע פאָלקס-שול. געהאַט שווערע קינדער-יאָרן. די מוטער איז איר געשטאָרבן צו 1 יאָר. דער פאָטער איז געווען קראַנק. צו פופצן יאָר פאַרלאָזט זי דעם פאָטערס הויז, כדי זיך צו העלפן מיט אייגענע כוחות. זי באַזעצט זיך אין לעמבערג, וואו זי גיט פּריוואַטע לעקציעס, אַרבעט אָבער ווייטער איבער זיך און האַלט אויס דעם עקזאַמען אלס עקסטערן אין רעגירונגס-סעמינאַר אין לעמבערג און אין גימנאַזיע אין קראָקאָוו. קומט אָן אין לעמבערגער אוניווערסיטעט וואו זי שטודירט נאַטורוויסנשאַפט, פּסיכאָלאָגיע און ליטעראַטור. אין יאָר 1907 ווערט זי אויפגענומען אין ביאָלאָגישן אינסטיטוט פון לעמבערגער אוניווערסיטעט, וואו זי גיט זיך אָפּ מיט גרויס התמדה דער שטודיע

פון נאטורוויסנשאפטן און ארבעט דארט מיט אייניקע הספקות ביזן יאר 1920. פון 1913 אלס דעמאנסטראטארין און פון 1915 אלס אסיסטענטין.

אין יאר 1911 האט זי חתונה געהאט מיט ה׳ אלכסנדר קלאפטען, אינזשינער פון מאשינען-בוי, וועלכער איז אין אייניקע חדשים נאך דער חתונה טראגיש אומגעקומען אין די נאפט-גרובן פון טוסטאנאוויץ ביי באריסלאוו, וואו ער איז געווען טעטיק אלס לייטנדער אינזשינער. נאך שווערע פסיכישע איבערלעבונגען און קראנקייטן, וואס זיינען ארויסגערופן געווארן דורך דער דאזיקער קאטאסטראפע, קערט זיך ק. אום צו דער וויסנשאפטלעכער ארבעט אין אינסטיטוט, וועלכע האלט אויף אירע גייסטיקע כוחות. אין יאר 1913 באקומט זי דעם טיטל דאקטאר פילאזאפיע פאר א וויסנשאפטלעכע ארבעט אויפן געביט פון עקספערימענטאלער זאאלאגיע, וועלכע זי האט נאך אין יאר 1910 פארעפנטלעכט אין דער קראקעווער וויסנשאפטלעכיר אקאדעמיע, און שפעטער גיט זי אויך אפ א פראפעסארן-עקזאמען פון נאטורוויסנשאפט. אין די יארן 1910—1918 האט זי פארעפנטלעכט א ריי ארבעטן (אונטערן נאמען צעציליא בייגעל — איר מוטערס פאמיליע — און צעציליא בייגעל—קלאפטען) אויפן געביט פון רעגענעראציע, היסטאלאגיע און מעכאניק פון אנטוויקלונג אין פוילישע און דייטשע וויסנשאפטלעכע אויסגאבן. די רעזולטאטן פון אירע לאנגיעריקע פארשונגען איבער אינזעקטן זיינען געבליבן ניט פובליקירט צוליב דער געזעלשאפטלעכער ארבעט, אין וועלכער זי איז אריינגעצויגן געווארן פון אנהויב דער וועלט-מלחמה און וואס האט וואס ווייטער אלץ מער אפגענומען ביי איר צייט און ענערגיע און צום סוף איר אינגאנצן איינגעשלונגען. זי פארלאזט איר אמט אין אוניווערסיטעט און דערנאך אויך די וויסנשאפטלעכע פארשונגען.

אין יאר 1914 נעמט ק. אונטער די ערשטע הילפס-ארבעט. זי זאמלט אויף די פאראייניצלטע אינטעליגענץ, ארגאניזירט אין לעמבערג היימען פאר קינדער, פאלקס-קיכן א. אז. וו. זי ארבעט-מיט שפעטער אין יידישן רעטונגס-קאמיטעט און פון יאר 1916 אין צענטראל-קאמיטעט פון אויפזיכט איבער יתומים. די הויפט-ענערגיע קאנצענטרירט זי אבער אויפן געביט פון פאך-אויסבילדונג פון די קינדער. אין פרילינג 1915 עפנט זי אויף האנטארבעט-ווארשטאטן, אין יאר 1916 ארגאניזירט זי א געזעלשאפט פון „האנטארבעט-ווארשטאטן פאר יידישע מיידלעך“, וואס שטעלט זיך אלס ציל די פראפעסיאנעלע און אלגעמיינע אויסבילדונג פון דער יידישע יוגנט און אין דעם באקומענעם פאר דעם צוועק בנין גרינדעט זי אן אינטערנאט פאר יתומים אין עלטער פון 14—17 יאר, די ערשטע פון דעם מין אינסטיטוציע אין גאליציע, אין וועלכן זי רעאליזירט איר דערציאונגס-פראגראם. אין יאר 1919 ווערט ביי די ווארשטאטן געגרינדעט א גרויסע פראפעסיאנעלע שול פאר מיידלעך — די ערשטע אין גאליציע — אונטער דער אנפירונג פון ק., וועלכע שטייט בראש פון דער דאזיקער מוסטער-שול ביז אויפן היינטיקן טאג. די טעטיקייט פון די לעמבערגער אנשטאלטן רופט זיך הילכיק אפ אין גאנץ גאליציע. לויט דער איניציאטיוו פון דער שול אנטשטייט א נעץ פון פראפעסיאנעלע שולן און קורסן (חוץ לעמבערג און קראקע אויך אין א גאנצער ריי פונקטן אויף דער פראווינץ), וואס פיל פון זיי פארמאגן אייגענע בנינים. כדי צו פאראייניטלעכן די ארבעט און זי צו פאראייניקן ווערט לויט ק. איניציאטיוו געגרינדעט דער „פארבאנד צו פארשפרייטן פאך-בילדונג צווישן יידן אין קליינפוילן“ (ז. דעם ארטיקל פון ד״ר א. זילבערשיין אין לוח „פון יאר צו יאר“ 1927, זייטן 108—115), וואס נעמט ארום איבער 20 אינסטיטוציעס מיט קרוב 2.000 קינדער. ק. זארגט אויך וועגן דער פיזישער אויסבילדונג און געזונט-צושטאנד פון דער יוגנט און לויט איר איניציאטיוו עקסיסטירט שוין לערך 10 יאר צו דעם צוועק א וואקאציע-קאלאניע אין דעם גרויסן גוט פון יק״א סלאבודקא לעסנא, וועלכן צוזאמען מיט ד״ר א. זילבערשיין באמיט זיך ק. שוין אייניקע יאר צו באקומען אלס געזעלשאפטלעכן אייגנטום פאר די צילן פון דערציאונג און לאנדווירטשאפטלעכער פאך-אויסבילדונג פון דער יידישער יוגנט.

ק. איז א מיטגליד פון פרעזידיום פון וועלט-פארבאנד פון די יידישע פרויען, אויסגעוויילט אויף דער קאנפערענץ פון די יידישע פרויען אין האמבורג אין יאר 1929. איז א מיטגליד פון שטאטראט אין לעמבערג, מיטגליד פון אויפזיכטס-ראט פון קאאפעראטיוו „שאטניא“, וויצע-פארזיצער פון „פארבאנד פון יידישע פרויען“ און מיטגליד פון פארוואלטונג פון דער עמיגראציע-אפטיילונג פון „יעאס“ אין לעמבערג. ק. איז איינע פון די פאפולערסטע און באליבטסטע פערזענלעכקייטן אין גאליציע.

**קליומעל** מענדל. געבארן אין ווידז (קאוונער גוב., איצט פוילן) אין יאר 1873. ביז דרייצן יאר געלערנט אין דער היים, דערנאך אין ישיבות דחסידי חב״ד. דער פאטער איז געווען א שוחט, א למדן מופלג בנגלה ובנסתר, א בקי אין ספר הזהר, עץ חיים, פרי עץ חיים און כמה וכמה חסידישע ספרים און אזוי האט ער אויך דערצויגן זיין זון און אויך אים געמאכט פאר א שוחט (דער צווייטער זון, דער ייִנגערער ברודער פון מענדל קליומעל, ד״ר מאיר קליומעל איז שוין אוועק אין דער וועלט פון השכלה).

אין דער מלחמה-צייט עוואקואירט קיין כארקאוו. אין יאר 1920 צוריק געקומען אהיים קיין ווידז, וואו געפונען דאס גאנצע שטעטל חרוב ומוחרב. „דריי ווענט פון מיין הויז שטייען אין א מדבר, ווילדע גראז די גרויס פון עוג מלך הבשן, חיות רעות האבן זיך דא גאנץ גוט איינגעלעבט“. אזוי באשרייבט ער דאס אויסזען פון ווידז אין



יענער צייט. גלייך האט זיך אנגעהויבן די אויפבוי-אקציע פון „יעקאפא“ און ס׳איז געגרינדעט געווארן אין ווידז א קאמיטעט, פון וועלכן ק. איז געווארן פארזיצער. אויך פון דער פאלקס-באנק, וואס האט זיך דארט מיט דער צייט געגרינדעט, איז ער געווען דער ערשטער פארזיצער. מיט דעם נאמען פון ק. (צוזאמען מיט זיין שוואגער ב. זלאטקין ז״ל, יעקב מאליאצקי א. א.) איז ענג פארבונדן די אויפריכטונג פון ווידז און איר אפבויאונג פון די חורבנות פון מלחמה ביי דער נאענטסטער מיטהילף פון „יעקאפא“ אין ווילנע.

**קלעבאנאוו** אברהם, אינזש. געבארן אין מינסק אין יאר 1881. צוגלייך מיט די אלגעמיינע לימודים אויך געלערנט העברעאיש ביי דעם באקאנטן אין יענער צייט העברעאישן שרייבער „איוב ממינסק“. צו 14 יאר פארלאזן דאס עלטערן-הויז און אריבערגעפארן קיין מאסקווע, וואו אנגעקומען אין גימנאזיע (ניט האבנדיק קיין וואוינרעכט, זיך צוגעשריבן אלס לערן-ייִנגל צו א שניידער), געענדיקט דעם ריגער פאליטעכנישן אינסטיטוט און זיך פארפולקומט אין בערלינער פאליטעכניקום. דערנאך אוועקגעפארן קיין מילהויזען (עלזאס), וואו אין משך פון 1½ יאר געארבעט אויף די דארטיקע זאוואדן.

אין יאר 1904 איז ק. געקומען קיין ווילנע און איז דורך ד״ר א. מאקאווער ז״ל אריינגעצויגן געווארן אין געזעלשאפטלעכער ארבעט. ער ווערט איינגעלאדן אויף א בעראטונג וועגן ארגאניזירן און אויסארבעטן א פלאן פון דעה נאענטסטער טעטיקייט פון דער נאר וואס געשאפענער

געזעלשאפט „הילף דורך ארבעט“ („טרודאוואיא פאמאשטש“), וואס ער שטייט בראש פון איר ביז אויף היינטיקן טאג און די גרויסע פראפעסיאנעלע שול פון וועלכער איז די וויכטיקסטע יידישע פאך־אנשטאלט אין דער גאנצער געגנט.

אין יאנואר 1905 ווערט ק. אריינגעצויגן אין פאליטישן לעבן און אין דער ארגאניזירונג פון דער יידישער זעלבסטשוץ, אין וועלכער ס'האבן צווישן אנדערע גענומען אנטייל די פארשטארבענע ב. גאלדבערג, ד"ר ברוק (ציוניסט), עמ. בעסקין א. א. שטעלנדיק זיך בראש פון דעם זעלבסטשוץ, האט ק. ארגאניזירט 10 אפטיילונגען איבער דער גאנצער שטאט צו פארהיטן פון פאגראמען, אויף וועלכע מ'האט זיך דאן געריכט. דער שטאב האט זיך געפונען אין „מושב זקנים“, פונוואנען ס'פלעגן גיין פאראָרדענונגען איבער אלע אפטיילונגען. אויסער דער שטענדיקער אויפזיכט איבער דעם שוץ פון דער יידישער באפעלקערונג האט דער קאמיטעט פונאנדערגעטיילט געווער, רעוואלווערן, נאהייקעס מיט בלייענע קעפלעך, אייזערנע שטעקנס. אלס פארטיילונגס־ערטער האבן געדינט די בתי־מדרשים, וואו מ'האט אין משך פון א גאנץ קורצער צייט פונאנדערגעגעבן עטלעכע טויזנט רעוואלווערן און קאלט געווער, ווי אויך ביז 10 טויזנט פאטראנען. דיזשורן זיינען געווען טאג און נאכט, מיטגלידער פון זעלבסטשוץ ביז 1000. א דאנק דעם זעלבסטשוץ האט ווילנע דאן אויסגעמיטן פאגראמען און די איינצלנע ארויסטרעטונגען פון די שווארץ־מאהיניקעס זיינען שנעל געווארן ליוקווידירט.



ק. האט דאן געהערט צו א פאליטישן קרייזל, בראש פון וועלכן ס'האט זיך געפונען דער אנטלאפענער פון פארשיקונג ארון סאלץ (שפעטער לענינס א פערזענלעכער סעקרעטאר און איצטיקער פארזיצער פון רעוואלוציאנערן מיליטערישן טריבונאל אין מאסקווע).

די רוסישע מאכט האט אבער אנגעהויבן אפן צו פארפאלגן די יידישע זעלבסטשוצן. ק. איז געווען געצוואונגען אויף א געוויסע צייט צו אנטלויפן פון ווילנע.





אומקערנדיק זיך צוריק, האט ק. פון יאר 1906 קאנצענטרירט זיין טעטיקייט אויף הויבן דעם ניוואָ פון מלאכה צווישן יידן ביי דער געזעלשאפט „הילף דורך ארבעט“ אין ווילנע (ז. גענוי וועגן דעם די בראשור, וואס איז ארויסגעגעבן געווארן לכבוד דעם יובליי פון זיין 20־יאריקער טעטיקייט אין „הילף דורך ארבעט“ 1925—1905).

אין דער צייט פון דער דייטשער אקופאציע איז ק. געווען פארזיצער פון דער קאנטראל־קאמיסיע ביים צענטראלן יידישן הילפס־קאמיטעט און האט אויך דורכגעפירט מיט ערפאלג א ריי וויכטיקע אינטערווענצן לטובת דער יידישער באפעלקערונג.

צוזאמען מיטן פארשטארבענעם ד"ר א. מאקאווער פארנעמט זיך ק. אויך פיל מיט לאנדווירטשאפטלעכער צוגרייטונג פון דער יוגנט אין דער קאלאניע וועלימשאני א. א. (ז. אויבן זייטן 350—351); לויט דעם אויפטראג פון „יעקאפא“ ארגאניזירט ער פאך־שולן אין פראווינץ (ז. אויבן זייט 352).

זיין הויפט־ארבעט האט ק. אויך ווייטער אפגעגעבן דער אויסבויאונג פון דער פראפעסיאנעלער שול „הילף דורך ארבעט“. ער ארגאניזירט אין יאר 1925 א דערגאנצונגס־שול, וועלכע איז די ערשטע יידישע אנשטאלט אין ווילנער געגנט פאר טערמינאטארן. ווייטער ווערן פון אים ארגאניזירט אין יאר 1927 קורצטערמיניקע טעכנא־כעמישע קורסן. ער זעצט אויך פאר זיין טעטיקייט אויף דעם געביט פון פארשפרייטן לאנדווירטשאפטלעכע קענטענישן. ער פארנעמט זיך מיט ארגאניזירן טעארעטישע און פראקטישע קורסן. ק. איז אויך פאכמענישער פארטרעטער אין די קוואליפיקאציע־קאמיסיעס פון „יעאס“ ביי „יעקאפא“ ביים רעגיסטרירן עמיגראנטן פאר לאנדווירטשאפטלעכער אויסבילדונג. גלייכצייטיק איז ק. דער פארטרעטער פון יק"א פאר א ריי פון אירע ארבעטן. אין די יארן 1927—1919 געווען א מיטגליד פון ווילנער שטאטראט, אויסגעקליבן אויפן צעטל פון דער דעמאקראטישער פארטיי.

**קרוק** אליעזר. געבארן אין ווילנע אין יאר 1880. זיין פאטער, א טאקער, איז געווען א פרומער ייד און א למדן און זיין האפענונג איז געווען, אז זיינע צוויי זין זאלן ווערן רבנים. ער שיקט זיי לערנען אין דער ישיבה און אז ער דערוויסט זיך, אז זיי פארנעמען זיך מיט השכלה, זעצט ער זיי אוועק אין ווארשטאט ביי דער ארבעט.

נאכן ענדיקן א רוסיש־יידישע אנפאנגס־שול און א פאר יאר לערנען אין ישיבה גייט ק. אינגאנצן אריין אין פאטערס ווארשטאט און געשעפט, וועלכן ער נעמט איבער פון יאר 1900 (זיין עלטערער ברו-





דער האט עמיגרירט קיין אמעריקע) און פירט אים ביז אויף היינטיקן טאג. גלייכצייטיק אנטוויקלענדיק א געזעלשאפטלעכע טעטיקייט אויף פארשיידענע געביטן. האט גענומען אן אנטייל אין דער באפרייאונגס־באוועגונג. אין יאר 1905—1904 צוגעצויגן געווארן צו דער ארבעט פון דער געזעלשאפט „הילף דורך ארבעט“ און ווי א זאך־פארשטענדיקער געשטאנען בראש פון דער קאמיסיע, וואס האט אנגעפירט מיט די מעבל־לאגערן פון דער געזעלשאפט, וועלכע פלעגן ארויסגעבן די בעלי־מלאכות גרעסערע אוואנסן אויף די אנגענומענע אין די לאגערן אויסארבעטונגען. אין יאר 1908 געווען א מיטגליד פון קאמיטעט, וואס האט געבויט דעם דריטן גארן פון מושב זקנים.

פון יאר 1914 ווערט ק. אריינגעצויגן אין א גרעסערער געזעלשאפטלעכער ארבעט און שוין אין דעם ערשטן יאר פון דער דייטשער אקופאציע גרינדעט ער צוזאמען מיט נאך איינקע טוער דעם יידישן האנטווערקער־פאראיין אין ווילנע, פון וועלכן ער איז פארזיצער ביז אויף היינטיקן טאג. צו יענער צייט ווערט אין ווילנע אויך געשאפן א פארבאנד פון קאנסום־קאאפעראציון, פון וועלכן ק. אלס דעלעגאט פון האנטווערקער־קאאפעראציון ווערט געוויילט פאר א מיטגליד פון פארוואלטונג ביזן ליקווידירן די קאאפעראציון אין יאר 1919. אין 1917 ווערט ק. דעלעגירט דורך די האנטווערקער אין רעארגאניזירטן צענטראלן אונטערשטיצונגס־קאמיטעט און ווערט אויסגעקליבן אלס מיטגליד פון זיין פרעזידיום ביז דער גרינדונג פון דער ערשטער ייד. דעמ. קהילה אין ווילנע אין יאר 1919. ווען ק. איז צוערשט א מיטגליד פון דער קהילה־קאלעגיע און ביי דער קאנסטרואירונג פון דער קהילה אין מאי 1919 פארזיצער פון איר פארוואלטונג ביז אויף היינטיקן טאג. אין דיזעלבע יארן 1919—1917 איז ק. געווען וויצע־פארזיצער (צוזאמען מיט ז. רייזען) פון דער „דעמאקראטישער פאראייניקונג“ (שפעטערדיקע דעמאקראטישע פארטיי), וואס איז געגרינדעט געווארן אין ווילנע אונטער דעם פארזיץ פון ד"ר צ. שאבאד און האט געפירט אן אקטיווע טעטיקייט. נעמט א נאענטן אנטייל אין די ארבעטן פון אמעריקאנער רעטונגס־קאמיטעט „אווא“ און נאכדעם א. ק. פ. ד. אין ווילנע. פון יאר 1919 איז ק. אויך א מיטגליד פון ווילנער שטאטראט און פון יאר 1928 פארנעמט ער דעם פאסטן פון א לאווניק אין ווילנער מאגיסטראט. גלייכצייטיק איז ק. א מיטגליד פון קאמיטעט פון „ארט“ אין ווילנע און שפעטער אויך פון צענטראל־קאמיטעט פון „ארט“. אין יאר 1925 האט ער זיך באטייליקט אלס פארשטייער פון ווילנער קהילה אויף דער וועלט־הילף־קאנפערענץ אין קארלסבאד און איז דארט אויסגעוויילט

געווארן אלס מיטגליד פון ראט. אין זעלבן יאר נעמט ער אן אקטיוון אנטייל אין ארגאנידירן די אויסשטעלונג פון יידישער מלאכה אין ווילנע. אין די יארן 1923—1922 נעמט ער אן אקטיוון אנטייל אין גרינדן דעם יתומים-קאמיטעט ביי דער קהילה, וועלכער ווערט שפעטער לעגאליזירט אלס באזונדערע געזעלשאפט פאר יתומים-פארזארגונג, אין וועלכער ער באטייליקט זיך אקטיוו ביז אויף היינטיקן טאג און צוזאמען מיט פרוי ז. לעוואנדע און נ. וואפנער האט ער איר פיל מאל פארטראטן אויף די זיצונגען פון פארבאנד פון די צענטראלעס פאר יתומים-פארזארגונג אין פוילן (ווארשע). אין יאר 1928 ווערט ער אויסגעקליבן אלס מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע פון וועלט-פארבאנד פון די יידישע האנטווערקער-ארגאניזאציעס, וואס איז געגרינדעט געווארן אויף דער קאנפערענץ אין בויטן (דייטשלאנד) אין יאר 1928. אין זעלבן יאר באטייליקט ער זיך אלס מיטגליד פון קאמיטעט אין ארגאנידירן דעם צפון-יריד אין ווילנע. אין יאר 1929 ווערט ער געוויילט אלס פארטרעטנדער מיטגליד פון דער יידישער אגענץ אין פוילן. אין זעלבן יאר ביי די וואלן צו דער האנטווערקער-קאמער אין ווילנע ווערט ער אויסגעקליבן אין פארוואלטונג און פארנעמט דארט דעם אמט פון וויצע-פארזיצער. אין יאר 1930 אויף דער קאנפערענץ פון די פיר ארגאניזאציעס — „ארט", „טאז", „יעאס" און „צענטאס" — אין ווארשע אויסגעקליבן אלס מיטגליד פון ראט פון דער פאראייניקטער זאמלונג „אויפבוי און זעלבסטהילף".

**קריינין** מאיר. ז. וויטער.

**ראבינאוויטש** ראשל. געבארן אין מאלאט (ליטע) אין יאר 1883. דער פאטער איז געווען רב אין זאבלודאווע ביי ביאליסטאק. די מוטער, שטרענג-רעליגיעז, האט באזעסן איינציקע אייראפעאישע שפראכן, פון צייט צו צייט זיך פארנומען מיט שרייבן און מיט כלל-ארבעט. ר. ווערט אריינגעצויגן אין געזעלשאפטלעכער טעטיקייט נאך פון די פריסטע יארן און ארבעט באזונדערס אקטיוו אין די מלחמה-צייטן. ווען אין יאר 1915 ווערט געשאפן אין ביאליסטאק א קאמיטעט צו העלפן היימלאזע ווערט ר. איינע פון זיינע הויפט-טוער און אין יאר 1916 גרינדעט זי א דאמען-קאמיטעט (פון וועלכן זי ווערט אויסגעוויילט אלס פארזיצערין), וואס פירט דורך א גאנצע ריי גרעסערע הילפס-אקציעס, ווי „מלביש-ערומים", „פקוח-נפש", שטיצע פאר רעזערוויסטן, „הילף דורך ארבעט" מיט אייגענע ווארשטאטן און ווערט אין משך פון די יארן איינע פון די וויכטיקסטע סאציאלע אינסטיטוציעס אין ביאליסטאק.

באזונדערס שרעקלעך איז געווען אין יענער צייט די נויט פון די קינדער און זעענדיק די גרויסע טעטיקייט פון דאמען-קאמיטעט האט מען אנגעהויבן שטילערהייט אריינצוווארפן עלנטע קינדער צו פרוי ר. אין שטוב. די קינדער זיינען געווען אויסגעהונגערטע, איינגעוויקלט אין שמאטעס. די דאזיקע פאקטן פלעגן זיך איבערחזרן פון טאג צו טאג, און איר פריוואטע וואוינונג איז פארוואנדלט געווארן אין א מקום-מקלט. אזא מצב האט איר געשטויסן אנצונעמען שריט צו שאפן א יתומים-הויז,



וואו די הילפסלאזע קינדער זאלן געפינען א היים. דאס אויפבויען א יתומים-הויז האט דאן אויסגעזען ווי א חלום, ווייל די יידישע געזעלשאפט איז געווען כמעט אינגאנצן רואינירט און האט ניט געהאט קיין מעגלעכקייט אויפצובויען אזא בנין. מיט מסירת-נפש ווערט אבער דער חלום פארווירקלעכט: דעם 15 יולי 1917 ווערט געשאפן דער יתומים-הויז „עזרת-יתומים" און הונדערטער הילפסלאזע קינדער ווערן ארויסגעריסן פון די נעגל פון טויט. פון דאמאלסט אן האט ר. געפונען דעם אמתן תיקון אין דער ארבעט פארן יידישן יתום. מיט דער צייט אנטשטייט און אנטוויקלט זיך אין ביאליסטאק די געזעלשאפט פאר יתומים-פארזארגונג מיט 4 יתומים-הייזער און 200 קינדער, פון וועלכער ר. איז די גאנצע צייט די פארזיצערין. אין יאר 1928 האט ר. באקומען א זילבערנעם פארדינסט-קרייץ פון דער פוילישער רעגירונג פאר איר ארבעט אויפן געזעלשאפטלעכן געביט. ר. איז א מיטגליד פון פלענום פון פארבאנד פון די צענטראלעס פאר יתומים-פארזארגונג אין פוילן (ווארשע) און צוזאמען מיט א. דאמעראצקי האט זי פיל מאל אין משך פון יארן פארטראטן די ביאליסטאקער יתומים-צענטראלע אויף די זיצונגען פון עקזעקוטיווע און פלענום פון פארבאנד. אין יאר 1930 האט ר. אונטערגענומען א רייזע קיין אמעריקע אין שליחות פון ביאליסטאקער יתומים-צענטראלע.

**רודניצקי** אליהו, אדוו. געבארן אין קאלטיניאן (ווילנער גוב.) אין יאר 1892 אין א פארמעגלעכער פאמיליע פון וואלד-סוחרים. זיך געלערנט אין חדר, ביים רב. אין א קבוץ פון פרושים, דערנאך אין דער ווילנער יידיש-רוסישער גימנאזיע פון פ. אי. קאגאן, וועלכע געענדיקט אין יאר 1913. נאכן ענדיקן די גימנאזיע אנגעקומען אין היידעלבערגער אוניווערסיטעט און שטודירט מעדיצין.

ביים אויסברוך פון דער וועלט-מלחמה געקומען צוריק קיין קאלטיניאן. זומער 1915 אוועק פון דער היים און אנגעהויבן ארבעטן אין דער אפטיילונג פון „יעקאפא" און „אזע" אין ניי-סווענציאן און אויפן פראנט צוזאמען מיט י. ווערניק, מ. פיינליב, אדוו. ראזנגארטן, ב. לאגונאווא. פארשט. ד"ר א. מאקאווער, וואלענטינא ווינאווער און באראן אסיא גינזבורג. די הויפט-ארבעט פון דער אפטיילונג איז געווען די רעוואקואציע פון די היימלאזע פון דער ליניע פאניעוועזש — אניקשט — אוציאן — נאווא-סווענציאן קיין פענזע טאמבאוו פון איין זייט און טשערניגאווער גוב. פון דער אנדערער זייט. 1916—1915



געארבעט אין גלובאקע אין דער אפטיילונג פון „יעקאפא" און „אזע" און אין קאנטאקט מיט דעם „זעמסקי סאיוז" און „סאיוז גאראדאוו". אין יאר 1915 אנגענומען געווארן אין פסיכא-נעווראלאגישן אינסטיטוט אין פעטערבורג, וואו זיך געלערנט 2 יאר. אין יאר 1916 געקומען קיין פעטערבורג, וואו ער האט ווייטער שטודירט און אקטיוו זיך באטייליקט אין ציוניסטיש-סטודענטישן לעבן. גלייך נאכן אויסברוך פון דער רוסישער רעוואלוציע 1917 דעלעגירט געווארן פון אלרוסלענדישן ציוניסטישן צ. ק. אין פעטערבורג אין בעסאראבער גובערניע אלס אינסטרוקטאר פון דער ארגאניזאציע. אין מאי 1917 אומגעקערט זיך צוריק קיין פעטערבורג, וואו ער איז באשטימט געווארן אלס גענעראל-סעקרעטאר פון ציוניסטישן צ. ק., אבער אינגיכן געמוזט צוליב פאמיליען-אנגעלעגנהייטן אריבערפארן קיין מאסקווע, וואו ער איז געווארן דער סעקרעטאר פון מאסקווער ראיאן-קאמיטעט פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע און גענומען אן אקטיוון אנטייל אין דער צעירי-

ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז נאָך דאַן געווען אַ פראַקציע פון דער אַלגעמיינער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. אָנגעפירט מיט דער קאַמפּאַניע אין נאָמען פון די ביידע אָרגאַניזאַציעס (אין די גובערניעס אַרכאַנגעלסקער, וואָלאָגדער און אָלאָנעצער גוב.) צו דעם אַלרוסישן יידישן צוזאַמענפאָר סוף 1917, אויף וועלכן ער איז אויסגעקליבן געוואָרן אַלס דעלעגאַט, אָבער צוליב דער באָלשעוויסטישער איבערקערעניש איז דער צוזאַמענפאָר ניט צושטאַנדגעקומען.

אין יאָר 1917—1918 פאַרגעזעצט דעם שטודיום אין מאָסקווער אוניווערסיטעט אויפן יורידישן פאַקולטעט. נאָכן בריסקער שלום אין מאַי 1918 זיך אומגעקערט קיין קאָלטיניאַן-ווילנע, וואו ער האָט זיך באַזעצט און אַנטוויקלט אַ געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט, איבערגענומען די צייטונג „לעצטע ניים“ צוליב ציוניסטישע צוועקן, איז אויסגעקליבן געוואָרן אין דער ווילנער קהילה, וואו געווען מיטגליד פון פאַרוואַלטונג, איז אויסגעקליבן געוואָרן אויף דער ערשטער קאָנפערענץ פון געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ“ אין ווילנע אין יאָר 1919 אַלס מיטגליד פון עקזעקוטיווע, וועלכן אַמט ער פאַרנעמט ביז אויף היינטיקן טאָג. אין 1919 איז ר. אויך אויסגעקליבן געוואָרן אַלס מיטגליד פון ווילנער שטאָטראַט און האָט פאַרנומען דעם אַמט ביז 1928. פון 1921 ביז 1928 מיטגליד פון פאַרוואַלטונג פון דער צענטראַלער יידישער קאָאָפּעראַטיווער פאָלקסבאַנק אין ווילנע און פון 1928 ביז איצט פאָרזיצער פון ראַט פון דערזעלבער באַנק. איז מיטגליד פון ראַט פון קאָאָפּעראַטיוון פאַרבאַנד אין וואַרשע. אין די יאָרן 1925—1926 פאָרזיצער פון ווילנער סטודענטן-פאַראיין, געענדיקט דעם ווילנער אוניווערסיטעט און אין יאָר 1930 געוואָרן פּראַקטיצירנדער אַדוואָקאַט אין ווילנע. פון יאָר 1909 געאַרבעט אין צעירי-ציוניסטישע קרייזלעך, געווען אין די יאָרן 1919—1926 פאָרזיצער פון דער צעירי-ציוניסטישער פּאַרטיי אין ווילנער געגנט און צוזאַמען מיט איר זיך פאַראייניקט אין יאָר 1927 מיט די רעכטע פועלי-ציון. אין מאַי 1930 אויסגעקליבן געוואָרן אַלס פאָרזיצער פון „שול-קולט“ אין ווילנע.

**רובינשטיין** יצחק, רב. ז. וויטער.

**שאַבאַד** צמח, ד״ר. ז. וויטער.

**שאַף** מאַקס, ד״ר. געבאָרן אין לעמבערג אין יאָר 1888, וואו ער האָט אויך געענדיקט די מיטלשול און אוניווערסיטעט און האָט זיך באַזעצט אַלס אַדוואָקאַט. אין די יאָרן 1918—1919 גענומען אַ לעבעדיקן אָנטייל אין דער אַרבעט פון לעמבערגער רעטונגס-קאָמיטעט. אין יאָר 1920 געוואָרן וויצע-פאָרזיצער פון דער אָפּטיילונג פון דער געזעלשאַפט פאַר קינדער-היימען און גערטנעריי-קאָלאָניעס אין לעמבערג, וואָס האָט פאַר אַ ציל די אויפזיכט איבער יתומים און פאַרלאָזענע קינדער און אויסבילדן זיי אין אַ פאַך. אין יאָר 1922, נאָכן טויט פון ד״ר אברהם קאָרקיס ז״ל, האָט ש. איבערגענומען די פאָרזיצעריי אין דער געזעלשאַפט, וואו ער אַנטוויקלט אַ פרוכטבאַרע טעטיקייט ביז אויף היינטיקן טאָג.

אין יאָר 1923 איז ש. אויסגעקליבן געוואָרן אַלס וויצע-פאָרזיצער פון צענטראַל-קאָמיטעט פאַר אויפזיכט איבער יידישע יתומים אין לעמבערג (יתומים-צענטראַלע פאַר מזרח-גאַליציע), וועלכן אַמט ער פאַרנעמט ביז איצט, זייענדיק גלייכצייטיק אַ מיטגליד פון פלענום פון פאַרבאַנד פון די צענטראַלעס פאַר יתומים-פאַרזאָרגונג אין פּוילן (וואַרשע).

**שאַצקעס** משה, רב. געבאָרן אין יאָר 1882 אין ווילנע. געלערנט אין די ישיבות פון טעלז און סלאָבאָדקע. אין יאָר תרס״ט געוואָרן רב אין ליפּנישעק און אין יאָר תרע״ו אין איוויע, וואו ער איז רב ביז אויף היינטיקן טאָג און שטייט בראש פון אַ ריי אינסטיטוציעס. טעטיקער מיטגליד פון „יעקאָפּאָ“ פון יאָר 1919 אָן, זיך באַטייליקט אין אַלע דריי געגנט-קאָנפערענצן פון קאָמיטעט און איז מיטגליד פון זיין פלענום.

**שווייצער** דוד. געבאָרן אין פּראָסקוראָוו אין יאָר 1889. זיך געלערנט אין אַ מיטלשול אין יעקאַטערינאָסלאַוו און אַלעקסאַנדראָווסק. 15 יאָר אַלט (נאָך דער מוטערס טויט) האָט ער צוזאַמען מיט זיין עלטערער שוועסטער עמיגרירט קיין אַמעריקע. דאָרט שטודירט ער אין ניו-יאָרקער „סיטי קאָלעדזש“ און דערנאָך אין קאָלומביאַ-אוניווערסיטעט. ער באַזוכט אויך די „שול פאַר פילאַנטראָפּיע“ און באַקומט דאָרט אַן אויסבילדונג אין סאָציאַלער אַרבעט. אַריינגעפירט אין דעם קרייז פון באַקאַנטן ניו-יאָרקער פילאָזאָף טאָמאַס דייווידסאָן ווירקט ער מיט צו דער גרינדונג פון אַן אַרבעטער-קאָלעדזש און ווערט אינגיכן דער דירעקטאָר פון דער דאָזיקער ניי-געגרינדעטער אָוונט-שול. דריי יאָר צייט איז ש. אויך געווען דער לייטער פון אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט געהאַט די אויפגאַבע איינצואָרדענען אין פּראַקטישן לעבן די קינדער, וואָס גייען אַרויס פון יתומים-הייזער. ש. גייט דערנאָך אַריבער צו שטודירן סטאַטיסטיק אויז העכערע בוכהאַלטעריע און אַרבעט אין דער „קאָמיסיע פאַר געזעלשאַפטלעכן דינסט“ פון שטאָט ניו-יאָרק. ווען פעליקס וואָרבורג האָט געגרינדעט די „פעדעראַציע פון די יידישע וואוילטעטיקע אַנשטאַלטן“ ווערט ש. דער לייטער פון איר בודזשעט-אָפּטיילונג. פון דאַן אָן אַרבעט ש. אויסשליסלעך אויפן סאָציאַלן געביט.

אין יאָר 1919—1920, ווען דער פאַרשטאָרבענער ד״ר באָגען איז געקומען קיין אייראָפּע מיט דעם ערשטן „יוניט“ (שטאַב פון אַמעריקאַנער דזשוינט-מיטאַרבעטער,



ז. אויבן זייט 721) איז ש. געווען דער לייטער פון דער פינאַנץ- און קאָנטראָל-אָפּטיילונג. פון דאַן אָן ביז אויף היינטיקן טאָג פאַרנעמט ש. דעם פּאָסטן פון פינאַנץ-דירעקטאָר פון „דזשוינט“ אין אייראָפּע און איז וויצע-פאָרזיצער פון דער דזשוינט- און פאָנדיישן-ביוראָ אין בערלין און מיטגליד פון אייראָפּעאישן ראַט.

**שווייצער** זשאַק. געבאָרן אין פּראָסקוראָוו אין יאָר 1886, ברודער פון דוד שווייצער. פון 1900 אין אַמעריקע, האָט



שטודירט יוריספּרודענץ, איז אָבער שפּעטער אַריבער צו מסחר און צוליב זיינע געשעפטן אָפט געריזט קיין פראַנקרייך. אין מלחמה-צייט האָט זיין פירמע אָפּגעשטעלט איר טעטיקייט. ש. האָט דאַן, אין יאָר 1920, אָנגעהויבן צו אַרבעטן אין „היאַס“ אין דאַנציג און שפּעטער איז ער געוואָרן דירעקטאָר פון דעם היימלאָזע-דעפּאַרטאַמענט אין וואַרשע. וועגן די היימלאָזע-ענינים אויך געשטאַנען אין אַ נאָענטן קאָנטאַקט מיט „יעקאָפּאָ“ אין ווילנע. ביי דער רעאָרגאַניזאַציע פון „דזשוינט“ אין די יאָרן 1923—1924 האָט ש. זיך אומגעקערט קיין אַמעריקע, וואו ער פאַרנעמט זיך ווידער מיט סאָציאַלער אַרבעט.

**שטיינבערג** יוזעף, ד״ר, אדוו. געבארן אין קראקאו אין יאר 1868, געענדיקט גימנאזיע און דעם יאגעלאנער אוניווערסיטעט אין קראקאו אלס ד״ר יורי. האט אויך נאכדעם ספעציעל שטודירט אין ווינער אוניווערסיטעט און האט פובליקירט א ריי יורידישע ארבעטן. פון יאר 1898 פראקטיצירט אלס אדוואקאט אין קראקאו, איז מיטגליד פון אדוואקאטן-ראט און עקזאמינאטאר. ש. איז א קאמיטעט-מיטגליד פון פיל הומאניטארע געזעלשאפטן, גיט אבער אפ פון יאר 1919 די הויפט-אויפמערקזאמקייט פאר דער ארבעט לטובת די יידישע יתומים אלס פארזיצער פון דער יתומים-צענטראלע פאר מערב-גאליציע אין קראקאו, איז מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע און פלענום פון פארבאנד פון די צענטראלעס פאר יתומים-פארזארגונג אין פוילן (ווארשע), פארטרעטנדיק די קראקאווער צענטראלע אויף די זיצונגען פון פארבאנד אין משך פון די לעצטע יארן. ש. איז אויך פארזיצער און ערן-מיטגליד פון דער הייל-קאלאניע פאר שול-קינדער אין ראבקע.

**שטראשון** יצחק. געבארן אין יאר 1879 אין ראקאוו (מינסקער גוב., איצט פוילן) אין דער באוואוסטער שטראשון-משפחה פון רבנים און למדנים. געלערנט אין חדרים און בית-מדרש אין ראקאוו, צו 13 יאר געקומען קיין ווילנע זיך לערנען אין ראמיילעס ישיבה, בעת די ישיבה האט שוין געהאט א רוסישע שול. אין יאר 1894 פארביטן זיין פאטער אין שטראשונס ביבליאטעק, וואו ער איז פארוואלטער ביז אויף היינטיקן טאג שוין 37 יאר. אין די יארן 1920—1927 געווען גלייכצייטיק פארוואלטער פון ביכער-לאגער פון „יעקאפא". פון סוף 1927 ארבעט ש. אויך אין ווילנער אוניווערסיטעט-ביבליאטעק, וואו ער קאטאלאגיזירט די יידיש-העברעאישע אפטיילונג.

פון יאר 1909, ווען ס׳האט זיך געגרינדעט די ביבליאטעק „מפיצי השכלה" אין ווילנע ביז 1923 איז ש. געווען א מיטגליד פון איר קאמיטעט, אין די יארן 1913—1917 מיטגליד פון קאמיטעט „אפע" („מפיצי השכלה") אין ווילנע, 1920—1923 מיטגליד פון ועד העירוני פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע, ראטמאן פון דער ערשטער דעמאקראטישער קהילה אין ווילנע און מיטגליד פון דער היסטאריש-עטנאגראפישער געזעלשאפט און מוזיי.

**שיחור** חיים. געבארן אין אלט-קאנסטאנטין (וואלין) אין יאר 1898. געלערנט אין חדרים און בית-מדרש, אוועק קיין אדעס, וואו געווען אן עקסטערן. דארט אויך זיך באטייליקט אין פארשיידענע ציוניסטישע קרייזן. אין יאר 1917 צוריקגעקומען קיין אלט-קאנסטאנטין, וואו געענדיקט גימנאזיע. בעת די וואלן צו דער גרינדונגס-פארזאמלונג מיטגעארבעט אין וואל-קאמיטעט פון קרייז. נאך דעם פראסקוראווער פאגראם גענומען אן אקטיוון אנטייל אין דער הילפס-אקציע פאר די פאגראם-געליטענע, ארגאניזירט און ארויסגעטראטן אויף פראטעסט-מיטינגען. אין יאר 1920 איז ער געקומען קיין ראוונע, וואו ער האט געארבעט אלס סעקרעטאר פון ציוניסטישן צענטראל-ביורא פאר אוקראינע און גלייכצייטיק ארגאניזירט דעם פאלעסטינע-אמט. פון ראוונע איז ש. אריבערגעפארן קיין ווארשע, וואו אנגעהויבן צו ארבעטן אין נאציאנאל-ראט. געבראכט אין ארדענונג דעם אוקראינישן ארכיוו פון יידישן מיניסטעריום בעת פעטלורעס רעגירונג (דער ארכיוו איז איבערגעשיקט געווארן אין דער נאציאנאלער ביבליאטעק אין ירושלים), 5 יאר געווען סעקרעטאר פון דער סעקציע פאר עמיגראציע און רעעמיגראציע ביים נאציאנאל-ראט און גלייכצייטיק אויך אנגעפירט מיט דער אפטיילונג פאר סאציאלער פארזארגונג ביים נאציאנאל-ראט. ש. האט זיך באטייליקט אין אלע בשותפותדיקע קאמיסיעס פון „דזשוינט", יק״א, „אוקראינער קאמיטעט", „צענטראל-ביורא פון היימלאזע", „נאציאנאל-ראט פאר ערטיילן הלוואות און שטיצע די היימלאזע אין ווארשע".

אין יאר 1925 בעת דער פערטער עליה האט ש. במשך פון 2 יאר מיטגעארבעט אין דער אינפארמאציאנס-אפטיילונג פון פאלעסטינע-אמט, זיך באטייליקט אלס מיטגליד אין דער „מחלקת עבודה" און אין איר נאמען באזוכט אין צוזאמענהאנג מיט דער קאנטראלע פון די עולים א גרעסערע צאל שטעט אויף דער פראווינץ, מיטגעארבעט אין דער הכשרה-קאמיסיע ביים פאלעסטינע-אמט.

אין יאר 1927 האט ש. אנגעהויבן מיטארבעטן אין פארבאנד פון די צענטראלעס פאר יתומים-פארזארגונג אין פוילן (ווארשע), וואו אנגעפירט אין דעם יאר מיט דער יתומים-וואך און במשך פון די יארן 1927—1930 מיט דער הייל-קאלאניע אין ציעכאצינעק. אין ווארשע האט ש. פארגעזעצט זיין שטודיום אין דער פוילישער פרייער הויך-שול און אוניווערסיטעט. ביז 1928 מיטגעארבעט אלס מיטגליד פון צענטראל-קאמיטעט פון דער ציוניסטישער ארבעטס-פארטיי „התאחדות". אין נאמען פון דער פארטיי באטייליקט זיך אלס מיטגליד פון דירעקטאריום פון קק״ל, פון „קאמיטעט פארן ארבעטנדן א״י", אלס דעלעגאט פון XIII און XIV ציוניסטישע קאנגרעסן. איז מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע פון „יעאס" אין ווארשע.

**שליוגער** אלכסנדר. געבארן אין יאר 1885 אין א דארף לעבן משארני אסטראוו, פאדאליער גובערניע. זיך געלערנט ביי א רבי אין שטוב, צו 9 יאר אנגעקומען אויף א צוקער-פאבריק, וואו ער האט געארבעט אייניקע יאר, דערנאך אפגעפארן קיין קיעוו, וואו געארבעט אין א פאבריק פון מעדיצינישע אינסטרומענטן און אויך באזוכט א שול.

אין די פאראייניקטע שטאטן איז ער געקומען אין יאר 1903. ביז 1907 געארבעט ביי טאג אין א זייגער-קאמפאניע און ביי נאכט באזוכט די טאמאס דייווידסאן-שול. אין יאר 1907 אוועקגעווארפן די טאג-ארבעט און אריינגעטראטן אין דער מיטלשול-אפטיילונג פון ניו-יארקער שטאטישן קאלעדזש. אין אוונט פלעגט ער פארקויפן צייטונגען. גלייכצייטיק האט ער פארגעזעצט זיין בילדונג און אין יאר 1914 געענדיקט דעם ניו-יארקער אוניווערסיטעט. האט אויך שטודירט אין דער ניו-יארקער שול



פאר פילאנטראפיע און שפעטער אין קאלומביא-אוניווערסיטעט, וואו ער האט אין יאר 1916 באקומען דעם טיטל פון מאגיסטער אין סאציאלאגיע.

אין דער צייט פון שטודיום געווען צוויי יאר א לערער אין א מיטל-שול און אין די יארן 1914—1918 דירעקטאר פון דער טאמאס דייווידסאן-שול (אינסטיטוט פאר לוין-ארבעטער). ווייטער האט ער געארבעט אין דער יידישער וואוילטעטיקייטס-ביורא און דערנאך אלס שעף פון דער יידישער יוגנט-געזעלשאפט אין וועסט-סייד פון ניו-יארק.

אין יאר 1920 האט ש. אנגעהויבן צו ארבעטן אין „היאס" אין דער אפטיילונג פאר אויסלאנד. אין יולי 1920 איז ער געקומען אין שליחות פון „היאס" קיין פוילן, וואו ער איז געווען א פאר יאר, האט אנגעפירט מיט דער היאס-ביורא אין ווארשע און אנטוויקלט א באדייטנדע טעטיקייט.

אין יאר 1923 האט זיך ש. צוריקגעקערט קיין אמעריקע און אין יאר 1924 באנייט זיין ארבעט אין ניו-יארקער „היאס", וואו

ער איז באַשעפטיקט ביז אויף היינטיקן טאָג.

ש. איז מיטגליד פון פאָלגנדיקע אָרגאַניזאַציעס: סעקרעטאַר פון טאָמאַס דייווידסאָן־געזעלשאַפט; געזעלשאַפט צו פאַרזיכערן אויף דער עלטער; אַמעריקאַנער געזעלשאַפט פון בילדונג פאַר דערוואַקסענע; עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון אַמעריקאַנער „אָרט" און פון פילאַנטראָפּישע געזעלשאַפטן.

**שליוגער** פאַני, פרוי פון אַלעקסאַנדר שליוגער. געבאָרן אין פּראָסקוראָוו (פּאָדאָליער גוב.). אין די פאַראייניקטע שטאַטן געקומען אין יאָר 1901 מיט דער מוטער, אַן אַלמנה, און 4 יינגערע קינדער. צו עלף יאָר אָנגעקומען אין אַ פאַבריק. אין 1904 אָנגעהויבן צו באַזוכן די טאָמאַס דייווידסאָן־שול און שפּעטער די ניו־יאָרקער שול פאַר פילאַנטראָפּיע. צוויי יאָר געווען אויפזעערין אין יידישן הכנסת־אורחים. אין משך פון 3 יאָר געאַרבעט אין דער אַמעריקאַנער



געזעלשאַפט צו העלפן רייזנדער. אין יאָר 1920 געענדיקט דעם הונטער־קאָלעדזש.

אָנהויב 1921 געקומען קיין אייראָפּע און צוזאַמען מיטן מאַן געפירט די „היאַס"־אַרבעט אין וואַרשע. אין יאָר 1923 זיך אומגעקערט קיין אַמעריקע.

ש. איז אַ מיטגליד פון דעם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון אַמעריקאַנער „אָרט", פון עקזעקוטיוו פון דאַמען־קאָמיטעט ביים „אָרט", מיטגליד פון עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון שפּיטאָל אין בראָנקס (ניו־יאָרק) און פון אַנדערע אָרגאַניזאַציעס.

**שניאורסאָן** מענדל. געבאָרן אין יאָר 1886 אין משערקאַס (קיעווער גוב.), איז אַ זון פון משערקאַסער רב פון דער באַרימטער פאַמיליע שניאורסאָן דעם אייניקל פון צמח צדק (אין דער נייער גענעראַציע געהערן איצט צו דער פאַמיליע דער ליובאַוויטשער רבי; פּראָפ. פישל שניאורסאָן; יצחק גיטערמאַן; גינזבורג—נאַאומאָוו א. א., ז. אויך ווייטער די אויטאָביאָגראַפיע פון י. גיטערמאַן). געלערנט ביי מלמדים, דערנאָך ביי דער מוטערס פאָטער דעם האָר־



נאַסטיפּאָלער רבי אין הויף, באַקומען סמיכה ביים רב אין קורסק, וואו ער האָט זיך אויך עקזאַמינירט אַלס עקסטערן, געווען אַ צוהערער אויף די קורסן פאַר אָריענטאַלישע וויסנשאַפטן פון באַראָן גינצבורג אין פעטערבורג, אַן איידים ביי אַ גוטן יידן, זיינעם אַ פעטער, טווערסקי. אין די יאָרן 1912—1918 געווען ראַבינער אין ראַדאָמישל (קיעווער גוב.), וואו געפירט



אַ געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט און געשטאַנען בראש פון דער יידיש־רוסישער גימנאַזיע. צוליב די פּאָגראָמען אַוועק קיין קיעוו.

אין יאָר 1922 איז ש. געקומען קיין פּוילן און האָט פאַרנומען דעם פּאָסטן פון אַ פאַרוואַלטער פון דזשוינט־ביוראָ פאַר קינדער־פאַרזאָרגונג אין פּינסק. אין 1923 אַריבערגעפאָרן קיין וואַרשע, וואו געווען צוערשט מיטגליד פון דער דזשוינט־קאָלעגיע פאַר קינדער־פאַרזאָרגונג און דערנאָך אין משך פון 5 יאָר פאַרוואַלטער פון פאַרבאַנד פון די צענטראַלעס פאַר יתומים־פאַרזאָרגונג אין פּוילן פון זיין גרינדונג אָן (ז. אויבן ז. 266), האָט די אַרבעט פון פאַרבאַנד שטאַרק פאַרברייטערט און געווען דייער באַליבט. אין יאָר 1928—1929 האָט ש. אונטערגענומען אַ רייזע קיין אַמעריקע אין שליחות פון יתומים־פאַרבאַנד. אין יוני 1929 האָט ש. פאַרלאָזן פּוילן און זיך באַזעצט אין ארץ־ישראל (וואו זיין פאַמיליע איז שוין געווען פון פריער), פאַרנעמענדיק דעם פּאָסטן פון פינאַנס־פאַרוואַלטער פון ירושלימער אוניווערסיטעט.

**שערעשאָווסקי** רפאל. געבאָרן אין יאָר 1869 אין וואַרשע. דער פאָטער דוד־משה איז געווען אַן אייניקל פון גרינדער פון דער מירער ישיבה ר' יוסף דוד. באַקומען אַ טראַדיציאָנעלע יידישע דערציאונג, געלערנט אין חדר און שפּעטער געווען 3 יאָר אַ תלמיד פון ר' אליעזר אַטלאַס. למודים חצוניים געלערנט ביי פּריוואַטע לערער און באַזוכט פאַרשיידענע ציקלען לעקציעס און הויכשולן. צווישן די חברים פון חדר—באַפריינדעט עד־היום מיט דוד־



צבי פאַרבשטיין, מיטגליד פון העכסטן געריכט אין דער שווייץ *).

אין יאָר 1907 איז ש. געווען אַ וואַלמאַן (אַלס קאַנדידאַט פון פּ. פּ. ס., ווייל אין זיין ראַיאָן איז ש. געווען דער דעמאָקראַטישער קאַנדידאַט האָט פּ. פּ. ס. דעריבער אַרויסגעשטעלט אים) צו דער צווייטער גאָסודאַרסטווענער דומע.

פון יאָר 1916 אָפּגעגעבן פיל אויפמערקזאַמקייט דער אָרגאַניזאַציע פון סוחרים־פאַראיין אין פּוילן. געווען איינער פון די גרינדער פון דער ערשטער יידישער ליי־ און שפּאָר־קאַסע אין וואַרשע. פון 1916 ביז איצט—ראַטמאַן פון דער שטאָט וואַרשע און אָנהויבנדיק פון 1919 רעפערירט עד דעם בודזשעט פון דער שטאָט וואַרשע אין דעם הכנסה־טייל. אין 1922 געוויילט אַלס סענאַטאָר צום 2־טן פּוילישן סיים. אינטערעסירט זיך שטאַרק מיט פאַך־בילדונג ביי יידן און איז די גאַנצע צייט מיטגליד פון פאַרוואַלטונג פון דער יידישער האַנטווער־



קער־שול אויף סטאַווקי אין וואַרשע. נעמט אַ נאָענטן אָנטייל אין דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג און איז פאַרזיצער פון ראַט פון באַנק פאַר קאָאָפּעראַטיוון אין וואַרשע. איז וויצע־פּרעזעס פון לאָדזשע בני ברית, פאַר־

*) ס'איז אינטערעסאַנט צו ברענגען דעם פאָלגנדן בריוו, וואָס איינער פון די העכסטע ריכטער פון דער שווייץ און אָנגעזעענער סאָציאַליסטישער טוער ה' דוד צבי פאַרבשטיין (אַ ברודער פון העשל פאַרבשטיין, דעם מזרחיסטישן סיים־דעפּוטאַט און פאָרזיצער פון וואַרשעווער קהילה) האָט געשריבן צו ה' רפאל שערעשאָווסקי. בעת דעם לעצטנס פאַרברענגען אין פראַנצויזישן קוראָרט קאַ (נאָרמאַנדיע) און וואָס דערמאָנט אַזוי האַרציק אָן די פאַרבינדונג פון די עמאָליקע געמיינזאַמע חדר־יאָרן:

„ציריך, 15 סעפּטעמבער 1913.

ידידי! הנני יושב עתה בישיבת הבי"ד הקאָנ[illegible] ועוסק בהוויות דיני שווייץ. וזכורני הימים שישבנו בחדר מורנו קפלן ועסקנו בהוויות אביי ורבא.

אם תשאר עוד שבועות אחרים כבה, אולי אבקרך. כתב לי מתי תעזוב את פה.

הנני דורש לשלומך

דוד צבי פרבשטין".

זיצער פון יק"א-קאָמיטעט אין וואַרשע, עקזעקוטיוו-מיטגליד פון „פונדיישן".

גרויס אינטערעס און פיל צייט האָט ש. אָפּגעגעבן דער אַרבעט פאַר יתומים און מיט דער גרינדונג פון פאַרבאַנד פון די צענטראַלעס פאַר יתומים-פאַרזאָרגונג אין פּוילן. אין יאָר 1923 שטייט ש. בראָש פון פאַרבאַנד אַלס זיין פאַרזיצער ביז אויף היינטיקן טאָג.

ש. איז באַקאַנטער פינאַנסיסט, באַנקיר און אינדוסטריעלער.

**צוליב טעכנישע סיבות האָבן די ווייטערדיקע ביאָגראַפיעס ניט געקענט אַריינגיין אין סדר פון א"ב אויבן און ווערן געבראַכט דאָ.**

**באַרנשטיין** יצחק. געבאָרן אין יאָר 1895 אין קאָוואַל (וואָרשעווער וואָיעוו.). שפּעטער איז די פאַמיליע אַריבערגעפאָרן קיין וולאָצלאַוועק. געלערנט אין חדר, שטאַטישער שול, גענומען אָן עקסטערן, צוהערער פון דער פוילישער פרייער הויך-שול אין וואַרשע. געאַרבעט אין לאָדזער אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען אַלס פּראָקורענט. אין יאָר 1919—1920 געווען אַ מיטגליד פון וולאָצלאַוועקער שטאָטראַט אויף דער ליסטע פון פּועלי-ציון. פון יאָר 1921 אַרבעט ב. שוין 10 יאָר אין „דזשוינט", פריער אַלס סעקרעטאַר פון דער וואַרשעווער אָפּטיילונג פאַר היימלאָזע און רעפּאַטריאַנטן און די לעצטע יאָרן אַלס סעקרעטאַר פון דער דזשוינט-ביוראָ אין וואַרשע.

ב. האָט פאַרעפנטלעכט אַ ריי עקאָנאָמישע און סטאַטיסטישע אַרבעטן פון פאַרשיידענע געביטן פון יידישן לעבן אין פּוילן. ער איז אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער פון „קוואַרטאַלניק סטאַטיסטיטשני", וואָס ווערט אַרויסגעגעבן פון מלוכהשן הויפּט-סטאַטיסטישן אַמט אין פּוילן, וואו געדרוקט אַ ריי פאָרשונגען. באַטייליקט זיך אויך אין אַנדערע וויסנשאַפטלעכע זשורנאַלן און אויסגאַבן. אויף יידיש זיינען זיינע אַרבעטן געדרוקט אין „לוח פון יאָר צו יאָר", ווילנע 1929 (יידישע קהילות); „שוצלאָזע קינד", וואַרשע 1928 (סטאַטיסטיק וועגן דער צאָל יתומים); „ווירטשאַפט און לעבן", בערלין 1929 (אַגראַר-רעפאָרם און די יידן; יידישע בעקעריי-וועזן); „קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג", וואַרשע 1928—1929 (מעמאָר פון אַנאַלידירן ווירטשאַפטלעכע פאַרהעלטענישן פון דער יידישער באַפעלקערונג; הויפּט-פּרינציפּן פון דער וויסנשאַפטלעכער אָרגאַניזאַציע אין דער ביוראָ-אַרבעט); „סאָז-ידיעות", וואַרשע 1930 („צו דער פראַגע פון דעמאָגראַפישע פאָרשונגען און סטאַטיסטיק פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פּוילן"); „שריפטן פאַר עקאָנאָמיק און סטאַטיסטיק", יוו"א, בערלין, 2-טער באַנד, דאַרף ערשיינען 1931 (בערשטער-אינדוסטריע). גרייט צו אַ ריי מאָנאָגראַפיעס וועגן דער עוואָלוציע פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פּוילן אין דעמאָגראַפישער און פּראָפעסיאָנעלער הינזיכט; וועגן דעם אַנטייל פון יידן אין דער קאָנפעקציע-אינדוסטריע א. א. איז אַ מיטאַרבעטער פון פּנקס פון „יעקאָפּאָ".



**בערנשטיין** דזשאָן, אַדוו. געבאָרן אין יאָר 1872 אין ניעזשין (טשערניגאָווער גוב.). קיין אַמעריקע געקומען אין יאָר 1890, זיך באַזעצט אין ניו-יאָרק. אַ געוויסע צייט געאַרבעט אין אַ הוט-פאַבריק, דערנאָך געווען אַ ציטונגס-פאַרקויפער. באַזוכט פּראַטס אינסטיטוט, וואו שטודירט ענגליש, סטענאָגראַפיע און מאַשין-שרייבן. געוואָרן אַ סטענאָגראַפיסט אין אַ יורידישער ביוראָ, אָנגעקומען אויפן יורידישן פאַקולטעט פון ניו-יאָרקער אוניווערסיטעט, וועלכן געענדיקט אַלס אַדוואָקאַט אין יאָר 1899, שטייט בראָש אַלס יוריסקאָנסולט פון אַ גרויסער אונטערנעמונג.



ב. איז אין פאַרוואַלטונג פון „היאַס" אין אַמעריקע זינט זיין אַנטשטיין ביז אויף היינטיקן טאָג. איז געווען צוערשט ערשטער סעקרעטאַר און דערנאָך פּרעזידענט פון „היאַס" אין משך פון 9 יאָר.

איז מיטגליד פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע, געווען אַ געוויסע צייט מיטגליד פון עקזעקוטיוו-קאָמיטעט פון דער לאָזשע בני-ציון, פּרעזידענט פון דער עמיגראַציע-באַנק פון „היאַס", מיטגליד פון אויפזיכטס-ראַט פון דער הרצליה-אַקאַדעמיע, מיטגליד פון די אָרדענס בני-ציון, ברית אברהם, בני-ברית און אַ ריי אַנדערע לאָזשעס און פילאַנטראָפּישע אָרגאַניזאַציעס.

**בערנשטיין** דזשעמס, ד"ר. ברודער פון דזשאָן בערנשטיין. געבאָרן אין יאָר 1875 אין ניעזשין (טשערניגאָווער גוב.). געקומען אין די פאַראייניקטע שטאַטן אין יאָר 1891. פון 1898 ביז 1925 פּראַקטיקירט אַלס ד"ר מעדיצין אין ניו-יאָרק. פון 1925 ביז 1929 געווען פאַרטרעטער פון „היאַס" אין אייראָפּע און מיט דער גרינדונג



פון „היקעם" (היאַס—יקא—עמיגדירעקט) איינער פון זיינע דריי דירעקטאָרן אין פּאַריז צוזאַמען מיט עדוואַרד אונגער און מ. קריינין. פיל מאָל באַזוכט אין עמיגראַציע-ענינים פּוילן, אויך געווען אין ווילנע און זיך נעענטער באַקאַנט מיט דער עמיג-



ראַציע-אָפּטיילונג פון „יעאַס" ביי „יעקאָפּאָ". אין יאָר 1929 זיך אומגעקערט קיין ניו-יאָרק, וואו פאַרנעמט זיך ווידער מיט זיין מעדיצינישער פּראַקטיק. איז מיטגליד פון פאַרשיידענע וויסנשאַפטלעכע און פילאַנטראָפּישע געזעלשאַפטן און אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקע.

**בערקענהיים** אלכסנדר. געבאָרן אין מאָסקווע אין יאָר 1878 אין אַ פאַרמעגלעכער סוחרישער פאַמיליע. געענדיקט גימנאַזיע אין מאָסקווע און שטודירט אין מאָסקווער אוניווערסיטעט, אָבער ניט געקענט ענדיקן, ווייל ער איז אויסגעשלאָסן געוואָרן פאַר פּאָליטישער טעטיקייט, אָפּגעפאָרן קיין אויסלאַנד, וואו געענדיקט די דרעזדענער טעכנישע הויך-שול אַלס אינזשענער—כעמיקער. אומקערנדיק זיך קיין מאָסקווע, געווען באַשעפטיקט מיט כעמישער און מעכאַנישער האָלץ-אינדוסטריע.

פון די סטודענטישע יאָרן אָן האָט ב. אָנגעהערט צו דער פּאַרטיי ס. ר., וואו גענומען אַ נאָענטן אַנטייל אין דער אַרבעט. געווען איינינקע מאָל פאַרשיקט אין טורכאַנסק (סיביר), אַרכאַנגעלסק און שפּעטער אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין אויסלאַנד. גענומען אַנטייל אין מאָסקווער אויפשטאַנד בעת דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע — אין יאָר 1905.

אין די יאָרן 1909—1911, וואוינענדיק 3 יאָר אין אַרכאַנגעלסק אַלס פאַרשיקטער, האָט ב. אָרגאַניזירט פּראָדוציר-קאָאָפּעראַטיוון פון האָלץ-באַאַרבעטונג און האָלץ-דעסטילאַציע, וואָס זיינען געווען פון די גרעסטע פּראָדוציר-אונטערנעמונגען אין רוסלאַנד. אין דערזעלבער צייט האָט ב. רעדאַקטירט די טעגלעכע ראַדיקאַלע צייטונג „סעווערני וועסטניק" אין אַרכאַנגעלסק, וועלכע איז שפּעטער געשלאָסן געוואָרן.

קומענדיק פון פאַרשיקונג און אויסלאַנד

צוריק קיין מאָסקווע אין יאָר 1913 אָנגעהויבן צו אַרבעטן אַלס אָנגעשטעלטער אין „צענטראָסאָיוז״ (צענטראַלער אַלרוסישער פאַרבאַנד פון קאָנסום-קאָאָפּעראַטיון), וואו אין יאָר 1915 אויסגעוויילט געוואָרן אַלס מיטגליד פון פּרעזידיום (פאַרוואַלטונג) און אין יאָר 1917, אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע, געוואָרן פאָרזיצער פון „צענטראָסאָיוז״ (זיינע איבעריקע צוויי חברים פון פאַרוואַלטונג די באַקאַנטע קאָאָפּעראַטאָרן וו.. זעלהיים און ד. קאָראַבאַוו זיינען געוואָרן מיניסטאָרן פון קערענסקי-רעגירונג), וואו זיך פאַרנומען מיט קאָאָפּעראַטיווער אינדוסטריע, גרינדנדיק עטלעכע צענדליק קאָאָפּעראַטיווע פאַבריקן (מילן, אייל, שאָקאָלאַד א. אַז. וו.). אין זעלבן יאָר געווען פאָרזיצער פון מאָסקווער אַפּראָוויזאַציע-קאָמיטעט און וויצע-פאָרזיצער פון מאָסקווער דומע. נאָך דער באָלשעוויסטישער איבערקערעניש אַרוים אין דעמיסיע און דעלעגירט געוואָרן אין יאָר 1919 פון „צענטראָסאָיוז״ קיין אויסלאַנד, כדי צו אָרגאַניזירן אויסלענדישע פאָרטרעטערשאַפטן פון צ. ס. מיט אַ באַזונדערער מיסיע דורכצוברעכן די דעמאָלטיקע בלאָקאַדע לטובת דער קאָאָפּערירטער באַפעלקערונג אין רוסלאַנד. מיט דעם צוועק באַזוכט אין די יאָרן 1920—1921 לאָנדאָן, ניו-יאָרק, בערלין, פּאַריז, קריסטיאַניע (אָסלאָ), סטאָקהאָלם, וואו אָרגאַניזירט באַזונדערע אַקציען-געזעלשאַפטן אונטערן נאָמען פון „צענטראָסאָיוז״. די באַמיאונגען דורכצוברעכן די בלאָקאַדע האָבן געהאַט ערפאָלג: לויט דעם רעפעראַט פון ב. האָט דער אויבערשטער ראַט פון דער קאָאַליציע אין פּאַריז (קלעמאַנסאָ, לאָיד-דזשאָרדזש, ניטי און ווילסאָן) באַשטימט ווידער אויפצונעמען די האַנדלס-באַציאונגען מיט רוסלאַנד דורך דעם „צענטראָסאָיוז״. באַלד נאָכדעם אָבער, איז אין ראַטן-רוסלאַנד נאַציאָנאַליזירט געוואָרן די גאַנצע רוסישע קאָאָפּעראַציע און אַלס פאָרטרעטער פון איר זיינען געקומען קיין אויסלאַנד קראַסין און ליטווינאָוו און דאַן האָט ב. אויפגעהערט זיין אַרבעט, — איבערגעבנדיק אין אַ יאָר אַרום, 1922, די גאַנצע אויסלענדישע אָרגאַניזאַציע פון צענטראָסאָיוז און די געהעריקע קאַפּיטאַלן דעם ה׳ ל. כינטשוק, וועלכער איז געקומען פון רוסלאַנד אַלס פאָרטרעטער צו יענער צייט שוין דענאַציאָנאַליזירטן „צענטראָסאָיוז״ (פּעריאָד פון „נעפּ״).

אין יאָר 1923 איז ב. אַפּגעפאָרן קיין ארץ-ישראל לויט דער איינלאַדונג פון זיין פריערדיקן חבר אין „צענטראָסאָיוז״ אינזשינער פנחס רוטנבערג, וואו ב. האָט ביי רוטנבערגן געבויט די עלעקטרישע סטאַנציע אין תל-אביב.

אין יאָר 1924 איז ב. געקומען קיין פּוילן, וואו פון יאָר 1925 ביז איצט איז ער דער דירעקטאָר פון פאַרבאַנד-פון די יידישע קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטן אין פּוילן (וואַרשע).

[ב. איז אַ ברודער פון אַבראַם בערקענהיים, מיטאַרבעטער פון „וואָסכאָד״, מחבר פון דער באַקאַנטער סעריע אַרטיקלען „די קאָלאָניזאַציע-באַוועגונג צווישן די רוסישע יידן קיין פּאַלעסטינע און אַרגענטינע״ („וואָסכאָד״ 1895—1898) און אַנדערע ווערק, איצט פּראָפעסאָר פון כעמיע אין מאָסקווער אוניווערסיטעט].

**גרינפעלד** יונה. געבאָרן אין יאָר 1883 אין בעלאַיאַ צערקאָוו (קיעווער גוב.) אין אַ נגידיש-חסידישער פאַמיליע. געלערנט אין חדר, געווען אַן עקסטערן, אין יאָר 1916—1917 באַזוכט דעם יורידישן פאַקולטעט פון קיעווער אוניווערסיטעט.

אין יאָר 1908—1909 געווען איינער פון די גרינדער און פאַרוואַלטונגס-מיטגליד פון דער קאָאָפּעראַטיווער אָרגאַניזאַציע „פּאַמאָשטש״ אין קיעווער גוב. געאַרבעט אַלס באַפולמעכטיקטער פון יק״א אויפן עמיגראַציע-געביט, אין יאָר 1915—1916 באַפולמעכטיקטער פון „קאָפּע״ אויף וואָלינער און טשערניגאָווער גוב. אין יאָר 1916 געווען באַפולמעכטיקטער פון פּעטראָגראַדער „אָפּע״ און געאַרבעט אין קיעווער, טשערניגאָווער און וואָלינער גוב. אין יאָר 1917 מיטגליד און אַקטיווער טוער פון נאַציאָנאַלן סעקרעטאַריאַט פון די יידישע קהילות אויף אוקראַינע. אין יאָר 1918—1919 וויצע-פאָרזיצער און פאַקטישער אָנפירער פון קיעווער צענטראַלן אַלאוקראַינישן הילפס-קאָמיטעט פאַר די געליטענע פון די פּאָגראָמען.

אין יאָר 1922 איז ג. געקומען קיין פּוילן, וואַרשע, וואו צוערשט געאַרבעט אין רעטונגס-קאָמיטעט פאַר די היימלאָזע און מגורשים, דערנאָך אין גרינדונגס-קאָמיטעט פאַר עמיגראַציע-ענינים. פון סעפּטעמבער 1924 איז ג. אַ דירעקטאָר פון דער יידישער צענטראַלער עמיגראַציע - געזעלשאַפט אין פּוילן („יעאַס״).

פון די יונגע יאָרן האָט זיך ג. באַטייליקט אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. געווען צוערשט אַן אַלגעמיינער ציוניסט, דערנאָך אַ צעירי-ציון און מיט דער פאַראייניקונג פון דער פּאַרטיי אַ רעכטער פּועלי-ציון און מיטגליד פון זייער צ. ק. איז מיטגליד פון דירעקטאָריום פון קרן-היסוד פאַר פּוילן.

**גאָלדע** סעלים. געבאָרן אין יאָר 1885 אין פּלאָצק. געענדיקט אוניווערסיטעט אין אויסלאַנד אַלס כעמיקער. זיך ספּעציאַליזירט אין בוכהאַלטעריע און קומענדיק פון אויסלאַנד אין יאָר 1910 געאַרבעט אַלס פאַרוואַלטער פון דעם יידישן קרעדיט-קאָאָפּעראַטיוו אין וולאָצלאַוועק. דאָרט אויך אין די מלחמה-יאָרן 1915—1917 געווען פאָרזיצער פון פאַרוואַלטונג פון יידישן רויטן קרייץ און 1915—1918 מיטגליד פון פאַרוואַלטונג פון דער קינדערהיים. אין יאָר 1918 איז ג. געקומען פון וולאָצלאַוועק קיין וואַרשע, וואו זיך באַזעצט און 1918—1920 געווען צוערשט פאַרוואַלטער פון ביוראָ פאַר ביליקע קיכן און דערנאָך פאַרוואַלטער פון טראָפּן מילך ביים „דזשוינט״.

פון יאָר 1920 ביז איצט איז ג. פאַרוואַלטער פון יק״א-ביוראָ אין וואַרשע איבער די ענינים פון קאָאָפּעראַציע און קרעדיטוועזן און מיט דער גרינדונג פון „פונדיישן״— שעף פון איר אינספּעקטאָרן-קאָלעגיע און פאָרטרעטער אין פּוילן.

**גאָלדע** סטאַניסלאַוו. קוזין פון סעלים גאָלדע. געבאָרן אין יאָר 1888 אין פּלאָצק. געענדיקט ליעזשער אוניווערסיטעט אַלס מאַטעמאַטיקער. געאַרבעט אין אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען. פון יאָר 1919 ביז אויף היינטיקן טאָג פאַרוואַלטער פון יק״א-ביוראָ אין וואַרשע איבער די ענינים פון פּראָפעסיאָנעלער בילדונג, לאַנדווירטשאַפט, עמיגראַציע און אויפבויאונג פון די חרוב-געוואָרענע פון דער מלחמה הייזער און בנינים. וועגן דער לעצטער אַקציע, וואָס יק״א האָט געפירט דורך דעם געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ״ אין ווילנע, איז ער געשטאַנען אין אַ נאָענטן קאָנטאַקט מיט „יעקאָפּאָ״.

**הירשפעלד** איסידאָר. געבאָרן אין ניו-יאָרק אין יאָר 1869. זיין פאָטער איז אין די פאַראייניקטע שטאַטן געקומען פון ליטע אין יאָר 1839 און זיין מוטער פון פּוילן, עטלעכע יאָר שפּעטער. דער זיידע, פון דער מוטערס צד, איז געווען איינער פון די ערשטע רוסיש-יידישע רבנים אין די פאַראייניקטע שטאַטן און איז מיט 85 יאָר צוריק געווען דער גרינדער און ערשטער רבי פון דעם „בית המדרש הגדול״ אין ניו-יאָרק, וועלכער עקסיסטירט נאָך ביז איצט. ער האָט אויך געגרינדעט די ערשטע תלמוד-תורה פאַר די רוסיש-פּוילישע יידן.

„מחזיקי תלמוד-תורה" אין ניו-יארק, וואס עקסיסטירט נאך ביז היינטיקן טאג.

ה. איז דערצויגן געווארן אין די ניו-יארקער פאלקס-שולן, געענדיקט דעם שטאטישן קאלעדזש אין ניו-יארק אין יאר 1888 און דעם יורידישן פאקולטעט פון ניו-יארקער אוניווערסיטעט אין יאר 1890 אלס אדוואקאט.

אין משך פון בערך 19 יאר איז ה. געווען א מיטגליד פון „היאס"-דירעקטאריום און פון יאר 1923 איז ער דער פארשטייער און יוריסקאנסולט פון „היאס" אין וואשינגטאן. ער איז געווען איינער פון די ארגאניזאטארן פון דער תלמוד-תורה-געזעלשאפט אין אויבערשטן טייל ניו-יארק, וואו ער איז אין משך פון 37 יאר געווען א מיטגליד פון אויפזיכטס-ראט און ערן-סעקרעטאר אין משך פון 7 יאר, בעת וועלכע עס



איז אויפגעבויט געווארן דער נייער בנין פאר דער תלמוד-תורה. ער איז א מיטגליד פון דער שפאנישער און פארטוגעזישער סינאגאגע אין ניו-יארק. 30 יאר איז ער געווען ערן-סעקרעטאר פון פארבאנד פון די יידישע ארטאדאקסישע סינאגאגעס אין אמעריקע. ער איז א מיטגליד פון אויפזיכטס-ראט פון יידישן געמיינדע-צענטער אין וואשינגטאן און פון דער יידישער וואוילטעטיקייטס-פעדעראציע אין וואשינגטאן. אלס אקטיווער ציוניסט איז ער געווען פארזיצער פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע אין קאלומביא-דיסטריקט אין די פאראייניקטע שטאטן און איז געווען פארזיצער פון פאראייניקטן פאלעסטינע-קאמפיין. אין משך פון א סך יארן איז ער אויך געווען פארטרעטער אין נאציאנאלן (נאציאנאל: פארן גאנצן לאנד) ראט פאר יידישע סאציאלע אויפזיכט אין אמעריקע און איז געווען מעטיק אין ספעציעלן קאמיטעט פון דאזיקן ראט ביים צונויפשטעלן די בודזשעטן און פינאנסירן די נאציאנאלע ארגאניזאציעס. ער האט זיך אויך געגעבן א סך מי ביים איינארדענען די ביורא פון יידישער דערציאונג אין ניו-יארק.

אלס פארשטייער פון „היאס", האט ער אין יאר 1915 באזוכט די רוסישע טעריטא-





ריעס, וועלכע זיינען געווען אקופירט דורך דייטשע און עסטרייכישע מיליטערישע חיילות, מיטן צוועק איינצושטעלן פארבינדונגען צווישן די דארטיקע איינוואוינער און זייערע קרובים אין די פאראייניקטע שטאטן און פארלייכטערן דאס איבערשיקן אינדיווידועלע געלט-שטיצע. אלס רעזולטאט פון זיינע באמיאונגען האבן די איינוואוינער פון די אקופירטע טעריטאריעס באקומען ערלויבענישן זיך דירעקט צו קאמוניקירן מיט זייערע קרובים דורך דער פארמיטלונג פון „היאס". אויף אזא אופן האט ער פארבונדן איבער 250 טויזנט פאמיליעס מיט זייערע קרובים אין אמעריקע, וועלכע האבן איבערגעשיקט גרויסע סומעס געלט-שטיצעס. ער האט אויך אויסגעווירקט אין די מלחמה-יארן די מעגלעכקייט צו עמיגרירן אין די פאראייניקטע שטאטן פאר בערך 8,600 פרויען און קינדער פון די אקופירטע געגנטן.

קורץ נאכן וואפנשטילשטאנד אין פעברואר 1919, איז ער געווען איינער פון דער „קאמיסיע פון די דריי", וועלכע דער „דזשוינט" האט דעלעגירט צו באזוכן פוילן און איינצושטעלן דארט א סיסטעם פון רעליעף-ארבעט. אין משך פון יאר 1919 און א טייל פון 1920 האט ער זיך אינגאנצן געווידמעט דער דזשוינט-ארבעט אין פוילן. מיט קליינע איבעררייסן האט ער פארבראכט אין פוילן פון פעברואר 1919 ביז מאי 1922. דא האט ער איינגעארדנט דעם דעפארטאמענט פאר אינדיווידועלע געלט-איבערווייזונגען, דורך וועלכן עס זיינען דורך איבער 223 טויזנט געלט-איבערווייזונגען אויף דער אלגעמיינער סומע פון בערך 9 מיליאן דאלאר. אין משך פון דער דאזיקער צייט איז ער אויך געווען דער פארשטייער פון „דזשוינט" לגבי דער פוילישער רעגירונג, אמעריקאנער אמבאסאדע, אמעריקאנער קאנסולאטן א. אז. וו. אין שייכות מיט דער דאזיקער פארבינדונג פלעגט ער פארזארגן די עמיגראציע-ענינים פון „דזשוינט", דערהויפט די גרופן פון קינדער-יתומים, וועלכע דער „דזשוינט" פלעגט אפשיקן צו זייערע קרובים אין די פאראייניקטע שטאטן.

די דאזיקע גאנצע צייט, וואס ה. איז געווען אין פוילן און געפירט די הילפס-ארבעט, איז ער אויך געשטאנען אין א נאענטן קאנטאקט מיטן געגנט-קאמיטעט „יעקאפא" אין ווילנע, די פארשטייער פון וועלכן נ. א. קאווארסקי און מ. שאליט האבן פיל מאל אים באזוכט אין ווארשע און זיך פארשטענדיקט וועגן א ריי הילפס-אקציעס און אונטערנעמונגען פאר ווילנער געגנט און דעם ראיאן, וואו „יעקאפא" האט געפירט די הילף- און אויפבוי-ארבעט. ה. האט זייער פיל מיטגעהאלפן צו דער דורכפירונג





פון די דאזיקע ארבעטן און הילפס-אקציעס.

אין יאר 1922 האט ה., לויטן אויפטראג פון „דזשוינט", באזוכט אונגארן, וואו ער האט דורכגעפירט אן אינספעקציע פון די יידישע קולטור-אינסטיטוציעס אין שייכות מיט דער קולטורעלער רעליעף-ארבעט פון „דזשוינט".

זינט מאי 1923 האט ה. ארגאניזירט און פירט אן מיט דער ביורא פאר אימיגראציע און נאטוראליזאציע-ענינים פון „היאס" און אנדערע יידישע וואוילטעטיקע אינסטיטוציעס אין וואשינגטאן. אין דער דאזיקער ארבעט האט ער גענאסן פון דער שטיצע פון די אפיציעלע אמעריקאנער ספערן. ה. איז א מיטגליד פון יידישן געמיינדע-צענטער אין פלאטבוש, וועלכן ער האט געהאלפן ארגאניזירן; איז מיטגליד און שפעטער פרעזידענט פון דער אומאפהענגיקער לאזשע „בני-ברית"; מיטגליד פון נאציאנאלן פרעסע-קלוב אין וואשינגטאן, מיטגליד און מיטארבעטער פון א ריי רעליגיעזע און פילאנטראפישע אינסטיטוציעס פון ניו-יארק און וואשינגטאן.

**העלד** ליליאן, פרוי פון אדאלף העלד (ז. אויבן ז. 739). געבארן אין ניו-יארק. אין די יארן 1920—1924, ווען אדאלף העלד האט אנגעפירט מיט דער היאס-ארבעט אין ווארשע, איז זי אויך געקומען קיין אייראפע און גענומען אן אקטיוון אנטייל אין דער עמיגראציע-ארבעט פון ווארשעווער ביורא. נאכן אומקערן זיך קיין אמעריקע איז זי געווארן פארזיצערין אין דאמען-קאמיטעט פון רענד-שול, מיט וועלכער זי איז נאך געשטאנען פריער אין פארבינדונג. איז אויך געווען פארבונדן מיטן „ארט" און פיפל-רעליעף, מיט דער געזעלשאפט צו העלפן בלינדע אין פאלעסטינע און מיטן סאנאטאריום אין לאס-אנדזשעלאס.

**העלד** אדאלף (הוספה צו דער זייט 739). געקומען קיין אמעריקע מיט דער מו-



טער און נאך א שוועסטער אין יאר 1894. דער פאטער און צוויי קינדער זיינען שוין געווען אין אמעריקע מיט א יאר פריער. געענדיקט דעם ניו-יארקער פרייען אוני-

ווערסיטעט (סיטי קאַלעדזש) אין יאָר 1906 און אין זעלבן יאָר אַריינגעטראָטן אין דער רעדאַקציע פון „פאָרווערטס“ אַלס כראָניקער. אין יאָר 1912 געוואָרן דער געשעפטס-פאַרוואַלטער פון „פאָרווערטס“. 1918—1920 זיך פאַרנומען מיט פּריוואַטע געשעפטן (מעל-האַנדל). ביז אויף היינטיקן טאָג ערן-מיטגליד פון דער „היאַס“-פאַרוואַלטונג און פאַרזיצער פון דער געזעלשאַפט, וואָס גיט אַרויס דעם „פאָרווערטס“ אין ניו-יאָרק.

**הערשפילד** איסידאָר, ז. הירשפעלד וו. 819—822.

**וואַפנער** נחום. געבאָרן אין יאָר 1884 אין ווילנע. געלערנט אין ראַמיילעס ישיבה אין ווילנע, וואו זיין פאָטער איז געווען אַ ראש-ישיבה 28 יאָר. געענדיקט אַ רוסיש-יידישע פאָלקס-שול אין ווילנע. געווען אַן עקסטערן. אין די יאָרן 1903—1909 געאַרבעט אויף פאַבריקן אין ווילנע, פעטערבורג און מאָסקווע אַלס מעטאַליסט-טאָקער. באַזוכט אין פעטערבורג טעכנישע קורסן און גלייכצייטיק געלערנט זיך בוכהאַלטעריע. פון יאָר 1909 ביז 1916 געווען בוכהאַלטער אויף פאַרשיידענע פאַבריקן און האַנדלס-אונטערנעמונגען. 1916—1918 ווידער געאַרבעט אַלס מעטאַל-טאָקער אויף פאַבריקן אין פעטראָגראַד. די גאַנצע צייט גענומען אַן אָנטייל אין דער אַרבעטער-באַוועגונג אַלס מיטגליד פון „בונד“.

סוף 1918 צוריקגעקומען קיין ווילנע. געווען אין די ערשטע חדשים פון יאָר 1919 אַ מיטגליד פון פּרעזידיום אין „וויססאָוונאַרכאָז“ אַלס דעלעגירטער פון פּראָפ. פאַראיין פון די מעטאַליסטן אין ווילנע. פון יולי 1919 געאַרבעט אין דער ערשטער ווילנער יידישער דעמאָקראַטישער קהילה אין דער קאָנטראָל-אָפּטיילונג אַלס בוכהאַלטער און פון יאָר 1920 אין דער אָפּטיילונג פאַר קינדער-פאַרזאָרגונג. מיט דער גרינדונג פון שטאָטישן יתומים-קאָמיטעט אין ווילנע סוף 1922 איז וו. זיין פאַרוואַלטער ביז אויף היינטיקן טאָג.

וו. איז מיטגליד פון צענטראַלן בילדונגס-קאָמיטעט (צ. ב. ק.) און פאַרזיצער פון עלטערן-קאָמיטעט ביי די צ. ב. ק.-שולן אין ווילנע.

**ווילענטשיק** יעקב. געבאָרן אין ראַזשאַנקע (ניט ווייט פון לידע) אין יאָר 1899. געענדיקט אַ מיטלשול, שטודירט פאַרמאַציע און איז אַפּטייקער אין ראַזשאַנקע. געזעלשאַפטלעך אָנגעהויבן צו אַרבעטן אין יאָר 1919. פון 1920 פאַרזיצער פון פאַרוואַלטונג פון ראַזשאַנקער פאָלקס-באַנק. 1922 און 1924 געווען דעלעגאַט אויף דער צווייטער און דריטער קאָנפערענץ פון „יעקאָפּאָ“ אין ווילנע. פון יאָר 1926 מיטגליד פון גמינע-ראַט אין ראַזשאַנקע, אין יאָר 1929 אויסגעוויילט געוואָרן אַלס איינציקער יידישער מיטגליד אין סיימיק פון שטשוטשינער פאָוויאַט. אין יאָר 1930 מיטגליד פון ראַט פון דער קאָמונאַלער קאַסע אין דעמזעלבן קרייז.

**זאַקהיים** לוי. געבאָרן אין יאָר 1881 אין ווילנע. יידישע און העברעאישע למודים געלערנט אינדערהיים. געווען אַן עקסטערן, געלערנט אין דער ווילנער מיטל-טעכנישער שול, וועלכע געמוזט פאַרלאָזן צוליב פּאָליטישע פאַרפאָלגונגען. זיך פאַרנומען מיט לערעריי. אין די יאָרן 1904—1905 געאַרבעט אַלס פּראָפעסיאָנאַל אין „בונד“. 1906—1907 געווען אַדמיניסטראַטאָר פון דער ווילנער בונדישער „פאָלקסצייטונג“. פון יאָר 1908 געאַרבעט אַלס בוכהאַלטער אין אַ האַנדלס-אונטערנעמונג און פון 1909 ביז 1918 אין דער באַקאַנטער דרוקעריי און פאַרלאַג ראָזנקראַנץ און שריפטזעצער אין ווילנע. אין די יאָרן 1917—1918 איז ז. געווען איינער פון די גרינדער און סעקרעטאַר פון ווילנער דעמאָקראַטישן קלוב. פון 1919 געווען בוכהאַלטער אין קהילה, „יעקאָפּאָ“ און „אָרט“. פון 1919 ביז 1923 בוכהאַלטער פון „יעקאָפּאָ“. געווען אַ מיטגליד פון דער ערשטער עקזעקוטיווע פון „יעקאָפּאָ“ 1919—1921. פון אָנהויב 1923 איז ז. אַריבער אַרבעטן אין דער ווילנער צענטראַלער קאָאָפּעראַטיווער פאָלקסבאַנק, וואו ער איז נאָכן אָפּפאָרן פון נ. א. קאָוואַרסקי קיין וואַרשע אין יאָר 19.7 געוואָרן דירעקטאָר ביז אויף היינטיקן טאָג.

**טשערניאַקאָוו** אַדאַם (הוספה צו די זייטן 751—753). אויסגעקליבן אַלס סענאַטאָר אין די צוגאַב-וואַלן אויף וואָלין אין מאַי 1930.

**לעווין-עפשטיין** אליהו זאב הלוי. געבאָרן אין ווילקאָווישק, ליטע, אין יאָר 1863. געלערנט אין חדרים און אין וואָלאָזשינער ישיבה. אַלגעמיינע לימודים ביי פּריוואַטע לערער אינדערהיים. אין 1883 געגרינדעט אין וואַרשע צוזאַמען מיט סטודענט לעאָן זאַמענהאָף (ערפינדער פון עספעראַנטאָ) אַ געזעלשאַפט צו אונטערשטיצן די ערשטע חלוצים (ביל״ו) אין ארץ-ישראל. אין 1885, נאָך דעם טויט פון זיין פאָטער, איז ער געוואָרן געשעפטספירער פון זיין ספרים-געשעפט און פאַרלאַג, וועלכער עקסיסטירט איצט אונטער דעם נאָמען: „געברידער לעווין-עפשטיין און קאָ“ אין וואַרשע.

אין 1890 האָט ער צוזאַמען מיט זיינע פריינד אָרגאַניזירט די חברה „מנוחה ונחלה“ אין וואַרשע און איז אין איר אויפטראַג געפאָרן קיין ארץ-ישראל און האָט געקויפט דאָס לאַנד „דוראַן“, וועלכע מ'האָט אַ נאָמען געגעבן „רחבות“. פון 1890 ביז 1900 איז ער געווען דער פקיד פון „מנוחה ונחלה“ און האָט פאַר זיי געבויט און געפלאַנצט. אין די דאָזיקע 10 יאָר איז ער געווען דער ראש הועד פון „רחבות“. אין 1895 האָט ער אָרגאַניזירט, צוזאַמען מיט זיינע פריינד, די ערשטע „כרמל“-חברה אין וואַרשע, וועמענס צוועק איז געווען צו שאַפן אַ מאַרק פאַר די ארץ-ישראל-פּראָדוקטן פון די יידישע קאָלאָניעס. אין 1899 איז ער געפאָרן — אויף דעם וואונטש פון באַראָן ראָטשילד — קיין אַמעריקע און האָט דאָרט געגרינדעט דעם אַמעריקאַנער „כרמל“, וועלכן ער האָט געפירט 17 יאָר, ווען צוליב דער וועלט-מלחמה האָט ער אים ליקווידירט.

אין 1904 איז ער געוואָרן אויסגעקליבן אַלס דער נאמן פון דער אַמעריקאַנער ציוניסטישער פעדעראַציע. אין 1914, ווען די וועלט-מלחמה איז אויסגעבראָכן און אין אַמעריקע איז געגרינדעט געוואָרן דער „פּראָוויזאָרישער עקזעקוטיוו-קאָמיטעט פאַר אַלגעמיינע ציוניסטישע ענינים“ אונטער דער פירונג פון לואיז ד. בראַנדייס, איז



ל.-ע. אויסגעקליבן געוואָרן אַלס דער נאמן און האָט פאַרנומען דעם פּאָסטן ביז 1919. אין יענער צייט האָט ער אויך אָרגאַניזירט דאָס איבערשיקן הילפס-געלטער קיין ארץ-ישראל אויף פאַרשיידענע וועגן. אין 1915 איז ער געפאָרן אין דעם אָקופּירטן פּוילן און האָט דאָרט אָרגאַניזירט דאָס איבערשיקן פּריוואַטע אונטערשטיצונגען פון אַמעריקע קיין פּוילן. די צאָל ערשטע אַדרעסן, וועלכע ער האָט געבראַכט פון פּוילן צו קרובים אין אַמעריקע, איז געווען איבער 30,000.

גלייך נאָך דעם אויסבראָך פון דער וועלט-מלחמה האָט ער געאַרבעט אין די פאַרשיידענע הילפס-קאָמיטעטן אין ניו-יאָרק. אַזוי איז ער געווען מיטגליד פון די פאָלגנדע עקזעקוטיוועס: פון אַמעריקאַן דזשואיש רעליעף-קאָמיטעט; פון צענטראַל רעליעף-קאָמיטעט; פון פּיפּלס רעליעף-קאָמיטעט און פון דזשוינט דיסטריביושן קאָמיטעט.

אין 1918 האָט ער איבערגעפירט די אַמעריקאַנער ציוניסטישע מעדיצינישע

עקספּעדיציע (איצט „הדסה“) פון אַמעריקע קיין ארץ־ישׂראל און איז געווען דער אַמעריקאַנער מיטגליד אין דער ציוניסטישער קאָמיסיע (ועד הצירים) ביז 1920.

אין 1923 איז ער געוואָרן אויסגעקליבן אַלס דער אייראָפּעאישער פאַרשטייער פון „היאַס“ אין אייראָפּע און געקומען קיין וואַרשע. ער האָט דאָן אָרגאַניזירט די איבערוויזונג פון אַמעריקאַנער געלטער קיין אייראָפּע און האָט אויך אָנגעפירט מיט דער עמיגראַציע־אַרבעט ביזן סוף 1924, ווען ער האָט זיך אומגעקערט צוריק קיין אַמעריקע. געווען אין ארץ־ישׂראל א. א.

**סאָקאָלאָווסקי** זאב. געבאָרן אין יאָר 1878 אין לידע. געלערנט אין חדר, ישיבה, קאָמערץ־שול. געווען בוכהאַלטער אין פאַרשיידענע האַנדלס־ און אינדוסטריע־ אונטערנעמונגען. 1922—1919 לאַווניק אין לידער מאַגיסטראַט. 1924—1923 סעקרעטאַר פון לידער ייד. הילפס־קאָמיטעט. מיט דער גרינדונג פון דער לידער ייד. קאָאָפּעראַטיווער פאָלקס־באַנק אין יאָר 1922 ביז איצט דירעקטאָר פון דער באַנק. מיטגליד פון פאַרוואַלטונג פון דער צענטראַלער קאָאָפּעראַטיווער פאָלקס־באַנק אין ווילנע.

אין 1898 געגרינדעט די געזעלשאַפט „שוקדי מלאכה“ אין לידע, וועלכע האָט עקסיסטירט ביז דער מלחמה און האָט ערצויגן אין אַ פאַך איבער 100 קינדער. 1928—1919 ערנאַמטלעכער פאַרוואַלטער און אָנפירער פון לידער יתומים־הויז. אין משך פון די יאָרן איז ס. אויך געווען פאַרטרעטער פון „יעקאָפּאָ“ פאַר די ענינים פון הײמלאָזע, עמיגראַציע און יתומים־פאַרזאָרגונג אין לידע. זיך באַטייליקט אין דער צווייטער געגנט־קאָנפערענץ פון „יעקאָפּאָ“ אין ווילנע אין דעצעמבער 1921 אַלס דעלעגאַט פון לידע און אויף דער דריטער קאָנפערענץ אין יאָר 1924 איז ער אויסגעוויילט געוואָרן אַלס מיטגליד פון פּלענום פון „יעקאָפּאָ“.

פון 1897 טעטיק אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין לידע. 1925—1915 פאַרזיצער פון לידער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. פון 1925 ביז איצט—וויצע־פאַרזיצער. 1926—1922 פאַרזיצער פון לידער „תרבות“ און פון 1926 ביז איצט—וויצע־פאַרזיצער. 1927—1920 געווען 7 יאָר מיטגליד פון לידער שטאָטראַט.

**ענדעלמאַן** מאָריצי, אדוו. געבאָרן אין קאַליש אין יאָר 1872. פון דער מוטערס צד שטאַמט ער פון ר׳ עקיבא אייגער *).

*) צווישן די ירושה־זאַכן געפינען זיך ביי אדוו. ענדעלמאַן: אַ קליינע ספר־תורה, וועלכע ר׳ עקיבא אַ גער פלעגט מיט זיך מיטנעמען אין וועג, אַ מערקווירדיקער כתר׳ל, לוחות און אַ יד (אויף די לעצטע צוויי איז באַצייכנט דער יאָר תקנ״ד).



געענדיקט גימנאַזיע אין פּלאָצק און דעם יורידישן פאַקולטעט פון וואַרשעווער אוניווערסיטעט אין יאָר 1893. אין די גימנאַזיע־יאָרן געלערנט יידישע למודים און העברעאיש אינדערהיים ביי אַ פּריוואַטן לערער.

צוליב די צאַרישע באַגרענצונגען געוואָרן אַדוואָקאַט ערשט אין יאָר 1906, פּראַקטיצירט אין וואַרשע.

אָרגאַניזאַטאָר און ערשטער פּרעזעס פון דער לאָזשע בני־ברית אין וואַרשע. אין די יאָרן 1929—1928 פּרעזעס פון דער צענט־



ראַלע פאַר יתומים־פאַרזאָרגונג אין קאָנגרעס־פּוילן און פון יאָר 1928 וויצע־פּרעזעס פון פאַרבאַנד פאַר יתומים־פאַרזאָרגונג אין פּוילן. מיטגליד פון דירעקטאָריום פון קרן־היסוד אין פּוילן. איינער פון די צוויי פּרעזעסן פון דער רעפּרעזענטאַנץ פון דער יידישער אַגענץ אין פּוילן.

**פּראָוואָלסקי** אברהם יוסף. געבאָרן אין יאָר 1895 אין וואַרשע. העברעאיש און גמרא געלערנט אינדערהיים. געענדיקט די וואַרשעווער האַנדלס־שול, שטודירט אין פּאַריז (וואו געגרינדעט די ערשטע אַקאַדעמישע ליי־ און שפּאָר־קאַסע) און אַבסאָלווירט דעם וואַרשעווער אוניווערסיטעט.

אָנהויב מלחמה טעטיק אַלס ערן־פאַרוואַלטער פון דעם היים פאַר היימלאָזע ביים וואַרשעווער „הזמיר“. אין 1915 געשאַפן די „ערשטע יידישע אַקאַדעמישע היים און קיך“ אין וואַרשע. שפּעטער פאַרזיצער פון וואַרש. „אַקאַדעמישער היים“. 1916—1915 הויפּט־סעקרעטאַר פון קרן־קימת־צענטראַלע אין פּוילן. 1917—1916 גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער וואַרשעווער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. 1918 מיטשעפער פון דער צעירי־ציון־אָרגאַניזאַציע אין פּוילן און מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט; רעדאַקציע־מיטגליד און פאַרוואַלטער פון דער „באַפרייאונג“ (1919—1918). אין יאָר 1922 אַרויסגעטראָטן פון דער פּאַרטיי צוליב איר קעגנערשאַפט צום נאַציאָנאַליטעטן־בלאָק. פון יאָר 1923 מיטגליד פון דער ציוניסטישער אַרבעטס־פּאַרטיי „התאחדות“.

פון 1920 ביז 1922 געאַרבעט אין „דזשוינט“ אַלס רעווידענט און אינסטרוק־



טאָר פון קאָאָפּעראַציע. לייטער פון דער אָפּטיילונג פאַר קאָנגרעס־פּוילן און ביוראָשעף פון דער ווידעראויפבוי־אָפּטיילונג.

1926—1924 דירעקטאָר פון „צענטראַלן יידישן האַנטווערקער־פאַרבאַנד“ אין פּוילן (וואַרשע); מיטגעהאָלפן דורכצופירן די פאַראייניקונג און קאָנסאָלידאַציע פון די יידישע האַנטווערקער־אָרגאַניזאַציעס. גלייכצייטיק געווען רעדאַקטאָר פון דער „האַנטווערקער־צייטונג“. אין 1924 רעדאַגירט דעם „האַנטווערקער־אַלמאַנאַך“. מיטגרינדער און פּרעזידיום־מיטגליד פון „אויקיליום אַקאַדעמיקום יודאַיקום“. 1930—1922 גרינדער און פאַרזיצער (ביז 1929) פון דער ערשטער יידישער אַקאַדעמישער באַנק אין וואַרשע. מיטגליד פון לאַנד־דירעקטאָריום פון קרן־קימת־לישׂראל. מיטגליד פון דער פּוילישער אָפּטיילונג פון דער עקאָנאָמיש־סטאַטיסטישער סעקציע פון „ייוואָ“. מיטאַרבעטער פון „היינט“ (וואַרשע) און „מאָרגן“ (לעמבערג). שרייבט אויך אונטער די פּסעוודאָנימען א. אפרימזאָן, א. בן־אפרים, א. י. פּ.

אין 1919 צוגעטראָטן צו אָרגאַניזירן צוזאַמען מיט ח. דאָרפמאַן דעם פאַרבאַנד פון די יידישע קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטן אין פּוילן, וועלכער איז געגרינדעט געוואָרן דעם 28 פעברואַר 1921. 1924—1921 די־רעקציע־מיטגליד פון פאַרבאַנד; 1925—1924 מיטגליד פון אויפזיכטס־ראַט. אין מאַי 1921 אַרויסגעגעבן צוזאַמען מיט ש. סטופּניצקין „די יידישע ווירקלעכקייט“ אַלס ערשטן אָרגאַן פון פאַרבאַנד (דערשינען נאָר איין נומער).

אָנהויב 1923 אָנגעהויבן אַרויסגעבן די „קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג“ אַלס אָרגאַן פון קאָאָפּעראַטיוון פאַרבאַנד און איז דער רעדאַקטאָר פון דעם אָרגאַן ביז אויפן היינטיקן טאָג. פון 1928 ביז איצט רעדאַגירט ער אויך דעם צווייטן אָרגאַן פון פאַרבאַנד „פאַרן פאָלק“. מחבר פון קאָאָפּעראַטיוון „טאַשן־לוח“ (1928, 1929, 1930) און פון דער פאַרבאַנדס־סטאַטיסטיק פון קאָאָפּעראַטיוון פאַרבאַנד (1928, 1929). פון יאַנואַר 1929 סעקרעטאַר פון דירעקטאָריאַט פון פאַרבאַנד פון די יידישע קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטן אין פּוילן (וואַרשע).

**קליאַנסקי** אורי. געבאָרן אין יאָר 1898 אין דונילאָוויטש (ווילנער גוב.) אין אַ פרומער נגידישער פאַמיליע. געלערנט אין חדר, ביי פּריוואַטע לערער אין מינסק. געענדיקט די ווילנער קאָמערץ־שול, שטודירט יוריספּרודענץ אין פּעטערבורגער אוניווערסיטעט, אָבער צוליב דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד געמוזט איבעררייסן דאָס שטודיום.

נאָך יינגלווייז אַרויסגעוויזן אַ גרויסן אינטערעס צום קולטור־לעבן. צוזעענדיק די נגישות פון דער צאַרישער מאַכט צו דער

אונטערערדישער פוילישער פאלקס-בילדונג, האט ער א לאנגע צייט פארשפרייט אומלעגאל דעם פוילישן „בקוואר" צווישן די באקאנטע פויערים, וואס פלעגן קומען אין שטעטל אויף א מארק-טאג. שפעטער, אין די עלטערע שול-יארן, איז ער געשטאנען בראש פון א גרופע נאציאנאל-געשטימטע שילער, וואס האט אנגעפירט מיט די קרייזלעך ביי די ווילנער מיטל-שולן, וועלכע האבן זיך פארנומען מיט שטודירן יידישע ליטעראטור, געשיכטע, ציוניסטישע און געזעלשאפטלעכע פראגן. אין יענער צייט געגרינדעט (צוזאמען מיט מרים מארגאלין, דער טאכטער פון ארויסגעבער פון „הזמן") אוונט-קורסן (אומלעגאלע) פאר ארבעטער אין דער ווילנער פארשטאט—נאוואגראד—וואו ער האט אונטערריכטעט יידיש און



אריפמעטיק. נאך פאר דער צארישער ארדענונג, בעת ער האט צייטווייליק פארביטן דעם פארוואלטער פון דער דונילאווישער רוסיש-יידישער פאלקס-שול, האט ער דארט אונטערריכטעט די לימודים אויף יידיש.

אין די יארן 1915—1918 האט ק. געארבעט אין פעטערבורגער „אזע" און „יעקאפא" (אין ראיאן גלובאקע—פאלאצק). אין יאר 1916 האט ער געגרינדעט און צייטווייליק אנגעפירט מיט א פאלקס-שול און אוונט-קורסן אויף דער גלובאקער פראווינץ. אין יאר 1918 געארבעט אלס לערער אין דער פאלקס-שול „מפיצי השכלה" אין פאלאצק און גלייכצייטיק געווען פארוואלטער פון דער פאלקס-שול אין קאבאק (א פארשטאט ביי פאלאצק), זיך באטייליקט אלס מיטגליד פון פאלאצק-וויטעבסקער ראיאן-קאמיטעט אין דער פארטיי פון די „פאראייניקטע" (ס. ס. און י. ס.) און געווען פון זיי א קאנדידאט צו דער ייד. גרינדונגס-פארזאמלונג. אין יאר 1920 האט זיך ק. אומגעקערט קיין פוילן. איז געווען א מיטגליד פון צ. ב. ק. און לערער אין דער ראמנער אוונט-שול אין ווילנע, דריי יאר געווען א מיטגליד פון קאמיטעט פון ווילבי״ג (ווילנער בילדונגס-געזעלשאפט), אבער באזונדערס אינטענסיוו ארבעט ער אין דער שול-ארגאניזאציע פאר ווילנער פראווינץ, בראש פון וועלכער ער שטייט אלס מיטגליד פון עקזעקוטיווע פון יאר 1921 ביז אויף היינטיקן טאג. אין יאר 1929 אויסגעקליבן אלס פארטרעטער אין ווילנער קאמיטעט פון דער געזעלשאפט „פריינט פון יידישן וויסנשאפטלעכן אינסטיטוט".

גלייך נאך זיין קומען קיין ווילנע אין יאר 1920 האט ק. אנגעהויבן ארבעטן אין געגנט-קאמיטעט „יעקאפא". אין משך פון די יארן 1920—1924 געווען א באפולמעכטיקטער פון „יעקאפא" פאר ענינים פון היימלאזע, אויפבויאונג פון חרוב-געווארענע פון דער מלחמה הייזער און יתומים-פארזארגונג, האט פארוואלטעט מיטן ערשטן אויפבוי-ראיאן. פון סוף יאר 1921 ביז אויף היינטיקן טאג איז ק. א מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע פון „יעקאפא". פון יאר 1926 ארבעט ק. אלס אינספעקטאר אין דער עקספאזיטור פון פארבאנד פון די יידישע קאאפעראטיווע געזעלשאפטן אין פוילן ביי דער צענטראלער ייד. קאאפ. פאלקסבאנק אין ווילנע.

**ראזאווסקי** ישעיהו. געבארן אין ווילנע אין יאר 1885. געלערנט אין חדר, געענדיקט די האנדלס-שול אין ווילנע. 1907—1909 געדינט אין מיליטער אין צאריצין, וואו מוטיק ארויסגעטראטן קעגן דער אנטיסעמיטישער האנדלונג פון זיין ראטע-אפיציר, פאר וואס געווארן ארעסטירט און געהאט איבער זיך א שווערן פראצעס, אבער אדאנק דער פארטיידיקונג פון מיליטערישן אדוואקאט באקומען א מילדערע שטראף (אויפן פראצעס איז אויך ביי געווען דער באקאנטער יידישער אדוואקאט קאלמאנאוויטש פון סאראטאוו). אומקערנדיק זיך פון מיליטער, געארבעט אין א האלץ-פירמע אין ווילנע. פון ערב דער דייטשער אקופאציע און אין דער צייט פון דער אקופאציע 1915—1918 געווען קאמיסאר פון דער שטאטישער בירגער-מיליץ אין ווילנע. אין יאר 1920 בעת דער ליטווישער הערשאפט איז ר. געווען געהילף-פאליצמייסטער פון שטאט ווילנע און צוזאמען מיט די ליטווינער אוועק קיין קאונע, וואו א געוויסע צייט פארבליבן ביים טיטל, דערנאך געווען א הויכער באאמטער אין ליטווישן אינערן-מיניסטעריום. אויך געווען שעף פון ביורא ביים יידישן מיניסטעריום (ש. ראזנבוים) אין ליטע און ביורא-שעף פון דער יידישער פראקציע אין ליטווישן סיים. די לעצטע יארן איז ר. פארוואלטער פון „היאס" („היקעם") אין קאונע, וועלכן אמט ער פארנעמט זינט דעם אפפאר פון י. טשערניכאוו אין יאר 1924.

1919—1920 האט ר. געארבעט אין „יעקאפא" אין ווילנע, וואו ספעציעל זיך פארנומען מיט די ענינים פון קינדער-דערנערונג און א. ק. פ. ד., היימלאזע און באציאונגען מיט דער מאכט.

**שפילבערג** ליב. געבארן אין אסטראג (וואלין) אין יאר 1892. געלערנט אין חדר, גימנאזיע. שוין פון די יוגנט-יארן אנגעהויבן צו ארבעטן אויפן געזעלשאפטלעכן געביט. אין די יארן 1915—1918 געווען אויף מלחמה, אויפן עסטרייכישן פראנט. אין יאר 1918—1919 וויצע-פארזיצער פון פארוואלטונג פון אסטראגער קהילה. פון 1919 סעקרעטאר פון הילפס-קאמיטעט אין אסטראג, פון יאר 1921 אריבער צו דער יתומים-ארבעט צוערשט אין אסטראג און דערנאך פון יאר 1923 סעקרעטאר און פון יאר 1925, נאכן אפפארן פון ש. שרייער קיין א״י, פארוואלטער פון דער יתומים-צענטראלע אויף וואלין (ראוונע). באטייליקט אין די זיצונגען פון פלענום פון פארבאנד פון די צענטראלעס פאר יתומים-פארזארגונג אין פוילן (ווארשע) אלס פארטרעטער פון דער וואלינער צענטראלע צוזאמען מיט איר פארזיצער (און מיטגליד פון עקזעקוטיווע פון פארבאנד) ח. ווייץ (לוצק) און אירע מיטגלידער י. בערלינער, א. דענענבערג, פרוי ר. בערלינער (ראוונע) א. א. און וועלכע ציילט א ריי איבערגעגעבענע יתומים-טוער, ווי רייצע לעווין (קאוועל), פרוי קרעמענעצקא (קרעמענעץ) א. א.

די אויבן-געבראכטע 102 ביאגראפיעס זיינען צונויפגעשטעלט (אויפן יסוד פון מאטעריאלן פון די ערשטע קוועלן) דורך מ. שאליט. פון די וויטעריקע 9 גרעסערע ביאגראפיעס איז דער מאטעריאל וועגן ר׳ חיים עוזר צונויפגעשטעלט דורך א. י. גראדזענסקי, וועגן הרב י. רובינשטיין דורך ש. ל. ציטראן און וועגן א. פארלישעווסקי דורך מ. שאליט. די הוסה-ידיעות וועגן ע. מאירסאן האבן מיר באקומען דורך ה׳ ראל שערעשעווסקי. ר ע ד.

## גרעסערע ביאגראפישע מאטעריאלן און אווטאביאגראפיעס

(די לעבנס-געשיכטע פון כלל-טוער, זייער ארבעט און תקופה).

**גומענער** אליהו, אדוו. איך בין געבארן געווארן אין א בעלי-בתישער משכילישער משפחה אין מאריאמפאל, סובאלקער גוב. דעם 1 פעברואר 1886. פון 5 יאר האט מען מיר אפגעגעבן אין א חדר, אין וועלכן איך האב פארבראכט ביז דעם 12-טן יאר פון מיין לעבן. נאכדעם האב איך זיך אנגעהויבן גרייטן צו דער גימנאזיע. אין יענער צייט האט זיך ביי יידן באמערקט א באזונדערע תשוקה צו בילדן די קינדער אין גימנאזיעס (סוף 19-טן יארהונדערטס), קיין פריוואטע גימנאזיעס זיינען נאך אבער ניט

געווען. מאַריאַמפּאָל, וואו די רוסישע רעגירונג האָט אין מיטן פאַריקן יאָרהונדערט געשאַפן אַ גימנאַזיע צוליב רוסיפיקאַטאָרישע צוועקן (מאַריאַמפּאָל געפינט זיך אויף דער גרענעץ צווישן פּוילן און ליטע, האָט פון שטענדיק צוגעצויגן פרעמדע, וועלכע האָבן זיך באַמיט אָנקומען אין גימנאַזיע.

אויך מיר איז אויסגעקומען צו פירן אַ קאַמף פאַרן אָנקומען אין גימנאַזיע, וואָס האָט זיך מיר איינגעגעבן ערשט אין יאָר 1905, אין דער צייט פון דער רוסישער רעוואָלוציע. די גימנאַזיע האָב איך געענדיקט אין יאָר 1907 און בין אָנגעקומען אין פּעטערבורגער אוניווערסיטעט אויף דעם יורידישן פאַקולטעט. אין אוניווערסיטעט בין איך כמעט די גאַנצע צייט באַפרייט געוואָרן פון שכר-למוד און אפילו באַקומען אַ סטיפּענדיע.

אין יאָר 1912 האָב איך געענדיקט פּעטערבורגער אוניווערסיטעט מיט דער ערשטער קאַטעגאָריע, נאָר מיט אייניקע מאָנאַטן פאַר מיין ענדיקן איז אַרויס די געוויסע דערקלערונג פון סענאַט, אַז אַ ייד, וועלכער ענדיקט אוניווערסיטעט מוז כדי זיך צוצושרייבן צו אַן אַדוואָקאַט אַלס געהילף, באַקומען דערויף אַן ערלויבעניש פון יוסטיץ-מיניסטער. ביז דאַן האָט אַ ייד געדאַרפט אַזאַ באַשטעטיקונג, ווען ער האָט געוואָלט ווערן אַן אַדוואָקאַט אָדער באַקומען אַ ציינגניש צו פירן פרעמדע ענינים. דער מיניסטער איז דאַן געווען דער באַוואוסטער רעאַקציאָנער און אַנטיסעמיט שטשעגלאָוויטאָוו און עס איז פאַרשטענדלעך, אַז ער האָט קיין יידן ניט דורכגעלאָזן. און ווען נאָך אַזוי פיל מאַטערניש, האָט זיך איינגעגעבן אַ יידן צו ענדיקן איינע פון די בעסטע הויכשולן אין געוועזענעם רוסלאַנד מיט דער ערשטער קאַטעגאָריע, זיינען דאָך די טויערן פון אַדוואָקאַטור געווען פאַר אים געשלאָסן און מ'האָט געדאַרפט קלערן וועגן וואָס אַנדערש.

איך האָב דאַן זיך געפונען ביי מיין פאָטער אין ווילנע, וואוהין ער איז איבערגעפאָרן פון מאַריאַמפּאָל. האָבנדיק אַ גרויסע שטרעבונג צו געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, ווער איך ביסלעכווייז אַריינגעצויגן אין איר און הויב אָן אַרבעטן אַלס פּראָפעסיאָנאַל. מיט דער אַרבעט האָב איך זיך פאַרנומען כמעט אין משך פון 12 יאָר, ד. ה. פון 1913 ביז 1925.

פון 1925 באַזעץ איך זיך אין נאָוואָגרודאָק, וואו איך פּראַקטיציר אַלס אַדוואָקאַט.

•

מיט געזעלשאַפטלעכער און פּאַרטייאישער אַרבעט האָב איך זיך אָנגעהויבן צו פאַרנעמען זייער יונג, כמעט פון 14—15 יאָר.



זיינענדיק אַ יונגערמאַן פון 17—18 יאָר, גיב איך זיך אָפּ מיט ציוניסטישער אַרבעט און אַ געוויסע צייט שטיי איך אפילו בראש פון אַ ציוניסטישן קרייזל אין מאַריאַמפּאָל „בר-כוכבא“. איך אינטערעסיר זיך אויך דאַן מיט גרינדן אַ ביבליאָטעק, סטאַטיסטישע און עקאָנאָמישע פראַגן.

1905 גיי איך איבער צו פּועלי-ציון און נאָכדעם צו ס. ס. אין וועמענס רייען איך פאַרבלייב ביז 1917, נאָכדעם אַרבעט איך צווישן די „פאַראייניקטע“ ביז 1920. פון יענער צייט געהער איך צו קיין פּאַרטיי ניט.

אין די סטודענטישע יאָרן אַרבעט איך אין פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס אין ווילנע און פּעטערבורג.

נאָך דעם פאַרענדיקן די אוניווערסיטעט הויב איך אָן אַרבעטן אין ווילנע אַלס סעקרעטאַר אין „עמיגראַציע-געזעלשאַפט“, איך אַרבעט אויך אין ווילנער געגנט-קאָמיטעט פון סוחרים-פאַראיין און סטאַטיסטישע געזעלשאַפט.

מיט דעם אויסברוך פון מלחמה פאַראינטערעסיר איך זיך מיט דעם גורל פון די היימלאָזע און אַלס פאָרזיצער פון „רעגיסטראַציאָנס-ביוראָ“ (היימלאָזע-קאָמיטע) אָרגאַניזיר איך שטיצע פאַר די היימלאָזע אין ווילנע. נאָך דעם באַוואוסטן אַרויסשיקן פון די יידן פון קאָוונער קאַנט, פאָר איך אַרויס אַלס באַפולמעכטיקטער פון פּעטערבורגער צענטראַלן קאָמיטעט „יעקאָפּאָ“ אָרגאַניזירן הילף פאַר די היימלאָזע. ביי דער אַרבעט, אַלס באַפולמעכטיקטער פון פּעטערבורגער „יעקאָפּאָ“, פאַרבלייב איך ביז 1917. צום אָנהויב אַרבעט איך אין יעקאַטערינאָסלאַווער, נאָכדעם אין פּאָדאָליער און בעסאַראַבער גובערניע און אַ קורצע צייט אין דווינסק. האַרבסט 1917 גיי איך אַריבער אַרבעטן אין פּאַרטיי „פאַראייניקטע“ ביי די וואַלן צו דער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג, וואוהין ס'איז אויך אַרויסגעשטעלט געוואָרן מיין קאַנדידאַטור. אין זעלבן יאָר ווער איך אויסגעקליבן אַלס לאַוניק (טשלען אופּראַווי) און אַ געוויסע צייט אַלס ממלא מקום פון שטאָט-גאָלאָוואַ אין קאַמעניעץ-פּאָדאָלסק.

אין דער צייט פון העטמאַן פאַרלאָז איך מיין פּאָסטן, שרייב זיך צו צום אַדוואָקאַטן-שטאַנד און הויב זיך אָן פאַרנעמען מיט אַדוואָקאַטור, זיך אינטערעסירנדיק גלייכצייטיק אַקטיוו מיט דעם אָרטיקן געזעלשאַפטלעכן לעבן. די איבערקערענישן אין יענער געגנט, איבערהויפּט די פּאָגראָמען, האָבן מיר ניט געגעבן די מעגלעכקייט זיך פאַרנעמען פריי מיט מיין פאַך.

אָנהויב 1919 הייבן זיך אָן אין פּאָדאָליע, וואו איך האָב זיך געפונען, די שרעקלעכע פּאָגראָמען (פּראָסקוראָוו, פעלשטין און אַנדערע). איך נעם אָן דאַן דעם פאַר-



שלאָג פון „רויטן קרייץ“ — פאַקטיש יידישער קאָמיטעט צו העלפן די געליטענע פון פּאָגראָמען — און איך אַרבעט אין וויניצער און פּראָסקוראָווער ראַיאָן. קומענדיק צוריק אין קאַמעניעץ, אַרבעט איך אַלס פאָרזיצער פון קאָלעגיע צו העלפן די געליטענע פון פּאָגראָמען אין יענעם טייל אוקראַינע (פּאָדאָליע, וואָלין און אַ טייל קיעווער גוב.) און אַלס שטעלפאַרטרעטער פון דירעקטאָר פון דעפּאַרטאַמענט פון יידישן מיניסטעריום. אין 1920 אַרבעט איך, בעת די פּוילישע מאַכט פאַרנעמט פּאָדאָליע, אין ייִדיש-אַמעריקאַנער קאָמיטעט (גענוי האָב איך דעם פּעריאָד באַשריבן אין מיין בוך: „אַ קאַפּיטל אוקראַינע“ *).

אין 1920 יאָר פאַרלאָז איך אויף שטענדיק אוקראַינע.

קומענדיק צוריק אין פּוילן, אַרבעט איך צום אָנהויב אין אַרבעטער-עמיגראַציע-פאַרבאַנד אין וואַרשע. נאָכדעם גיי איך אַריבער אין יתומים-אָפּטיילונג פון „דזשוינט“, וואו צום אָנהויב אָרגאַניזיר איך די אַרבעט אין ביאַליסטאָקער ראַיאָן, נאָכדעם אינספּעקטיר איך די אַרבעט אין טשעכאָסלאָוואַקיע און לאַטוויע, אין 1922 — אין ווילנער ראַיאָן.

אין יאָר 1923 ווער איך איינגעלאַדן פון „דזשוינט“ אָנצופירן מיט דער יתומים-אַרבעט אין גאַנץ פּוילן און אַלס פאָרזיצער פון קאָלעגיע פאַרבלייב איך ביי דער אַרבעט ביז סוף 1924, און איך קער זיך אום צו מיין פאַך (ז. אויבן ז. 266 און 568—573. רעד.).

אין נאָוואָגרודאָק שטיי איך בראש פון דער געזעלשאַפט פאַר יתומים-פאַרזאָרגונג, איך בין טעטיק אַלס ראַטמאַן, מיטגליד פון סיימיק, פּרנס אין קהילה און מיטגליד פון אייניקע געזעלשאַפטן.

איך בין ביז איצט פאַרבליבן פאָרזיצער פון הויפּט-קאָמיטעט פון יתומים-פאַרזאָרגונג אין ביאַליסטאָק און אַלס ערן-מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע פון פאַרבאַנד פון די צענטראַלעס פאַר יתומים-פאַרזאָרגונג אין פּוילן.

(אויטאָביאָגר.)

**גראָדזענסקי** ר' חיים עוזר. דער ווילנער רב הרב הגאון ר' חיים עוזר גראָדזענסקי שליט"א איז געבאָרן אין יאָר 1863 (תרכ"ג) אין שטעטל איוויע, ווילנער קרייז. זיין פאָטער הרב ר' דוד שלמה זצ"ל איז געווען איוויער רב גאַנצע פופציק יאָר. אויך זיין זיידע, פון פאָטערס צד, הרב

*) 2 יאָר אין פּאָדאָליע. פאַרלאַג ש. שרעבערק, ווילנע 1921, זייטן 168. מיט אַ ריי דאָקומענטן. באַשריבן אַלס עד ראיה אין פערזאָן, וואָס איז געשטאַנען אין רעכטן מיטן פון דאָרטיקן געזעלשאַפטלעכן און פּאָליטישן לעבן, די בלוטיקע געשיכטע פון פּאָדאָליע, פון אָנהויב 1919 ביז אָנהויב 1921.

רעד.

ר׳ משה אריה ליב זצ״ל איז געווען פריער רב אין איישישעק און נאכדעם זיבן און דרייסיק יאר רב אין איוויע. אויך זיין עלטערזיידע פון פאטערס צד, הרב ר׳ אהרן זצ״ל איז געווען רב אין נאווארעדאק. הרב ר׳ חיים עוזרס מוטער רבקה עלקע ע״ה איז געווען פון דער באוואוסטער וואלקאווישקער משפחה איינהארן *). איר פאטער האט געהייסן ר׳ חיים עוזר איינהארן, וועמענס נאמען ס׳טראגט הרב גראדזענסקי.

שוין אין זיין פריער קינדהייט האט ער זיך ארויסגעוויזן אלס אן אויסערגעוויינלעך און זייער באגאבט קינד מיט שארפן שכל, פלינקער השגה און וואונדערלעכן זכרון. צו פיר יאר האט ער אנגעהויבן גיין אין חדר. זיין עלטערער שוואגער ר׳ יהודה לייב מאסטקאוו ע״ה, וועלכער איז נאך דאן געווען א יונגער איידעם אויף קעסט ביים איוויער רב, איז דער ערשטער אויפמערקזאם געווארן אויף דער ניט-געוויינלעכער באגאבטקייט פון קליינעם חיימל. איינמאל, אן ערב פסח, האט ר׳ יהודה לייב געלערנט מיטן קליינעם חיימל די פיר קשיות און דערציילנדיק אים די מעשיות פון דער הגדה וועגן די ארבעה בנים — אחד חכם, ואחד רשע, ואחד תם ואחד שאינו יודע לשאל האט ר׳ יהודה לייב אין א שפאס א פרעג געטאן דעם קליינעם חיימל:

— נו, און וואס ביסטו, חיימל, א רשע?..

— ניין, א חכם! — האט מיט פאראיבל געענטפערט דער קליינער חיימל.

— פארוואס א חכם?

— ווייל איך הייס חיים, וואס איז בגימטריא מיט חכם איין מספר **).

פון דאזיקן דרייסטן ענטפער פון א פיריאריק קינד האט מען זיך לאנג אין איוויע ניט געקענט אפוואונדערן.

שוין נאכן ערשטן זמן איז זיין רבי ר׳ חיים געקומען צום איוויער רב און געבעטן זיך מען זאל פון זיין חדר אפנעמען דאס קינד, ווייל ער האט שוין ניט וואס צו טאן מיט אים צוליב זיין געוואלדיקער פעאיקייט און צוליבן ניט קענען תמיד געבן א תשובה אויף די קשיות, וואס דער קליינער חיימל האלט אים כסדר אין איין פרעגן.

ווען דער קליינער חיימל איז אלט געווען זעקס יאר האט ער כסדר פארבראכט אין זיין פאטערס בית-מדרש, וואו ער פלעגט זיך מיט גרויס נייגעריקייט צוהערן צום לערנען פון די איוויער קיבוצניקעס ביז אין דער שפעטער נאכט אריין. אפטמאל, פלעגט אזייגער איינס ביינאכט קומען אין

*) דער יידישער דיכטער דוד איינהארן איז א קוזין פון הרב ר׳ חיים עוזר. זיין פאטער ד״ר ר׳ בנימין איינהארן ע״ה איז געווען א ברודער פון הרב ר׳ חיים עוזרס מוטער רבקה עלקע ע״ה.

**) חיים איז לויטן מספר 68 און חכם אויך דאס זעלבע.





רבס שטוב דער מנהל פון קיבוץ בעטן זיך מ׳זאל שוין דעם קליינעם חיימל צונעמען אהיים שלאפן. און ס׳פלעגט טאקע אויסקומען אפט מיט געוואלד קוים אפרייסן דעם קליינעם חיימל פון די קיבוצניקעס און אים ברענגען צושלעפן אויף די הענט אהיים, וואו ער פלעגט באלד אויפן ארט איבערזאגן אויף אויסווייניק פאר זיין פאטער דעם גאנצן שיעור, וואס ער האט געהערט יענעם טאג לערנען ביי די קיבוצניקעס און דאס פלעגט אלעמען אריינברענגען אין גרויס התפעלות.

שוין דאן איז אין גאנצן איוויער אומגעגנט אוועק א שמועה, אז ביים איוויער רב וואקסט א זון א „עילוי". פון די ארומיקע שטעטלעך האט מען זיך צוליב דעם אין יענע צייטן אנגעהויבן אפט צונויפפארן אנצוקוקן דעם „איוויער עילוי", אבער די רביצין רבקה עלקע ע״ה האט מורא געהאט פאר אן עין הרע און פלעגט איר קליינעם חיימל באהאלטן פון א זייטיק אויג און אויסמיידן צו ריידן וועגן אים מיטן פרעמדן עולם.



אז חיימל איז אלט געווען אכט יאר האבן די איוויער קיבוצניקעס אפט געפועלט ביי אים, פאר א פאפיראסל, ער זאל ארויפגיין אויפן בימה און זאגן פאר זיי דרוש און חדושי תורה.

די שמועה וועגן „איוויער עילוי" האט זיך וואס ווייטער פארשפרייט אין די ווייטסטע שטעטלעך פון יענעם קאנט. די רבנים פון די שטעטלעך האבן אנגעהויבן שיקן שדכנים צום איוויער רב, ער זאל זיין „עילוי" פארקנסן פאר זייערס א טאכטער. צו יענער צייט איז אין קארעליטש געווען רב דער באוואוסטער ר׳ אליהו פרוזשינער זצ״ל (שפעטערדיקער שווער פון פארשטארבענעם ווילנער שטאט-מגיד הרב ר׳ מנחם קראקאווסקי), וועלכער האט אויסגעפועלט ביים איוויער רב, ער זאל צו אים אריבערשיקן זיין גאט-געבענטשט קינד, כדי מיט אים צוזאמען לערנען תורה. צו 9 יאר האט טאקע ר׳ אליהו פרוזשינער אראפגעבראכט צו זיך דעם „איוויער עילוי" און א גאנץ יאר מיט אים צוזאמען פארבראכט אין





לערנען און דאן געשריבן צום איוויער רב, אז זיין קליינער חיימל דארף זיך ניט לערנען אויף רב, מחמת ער איז פון זיך אליין שוין א געבארענער רב, און ניט קענענדיק זיך אפלויבן פון קינדס מעלות און לערנען האט דער פרוזשינער פארגעלייגט דעם איוויער רב זיך מתחתן צו זיין מיט אים.

דערציילט מען, אז דעמזאזיקן פארשלאג האט דער איוויער רב ניט געקאנט אננעמען, מחמת דער איוויער רב האט דעם קארעליטשער רב אויסגעזאגט א „סוד", אז ווען ער איז נאך געווען א תלמיד ביי ר׳ ישראל סאלאנטער האט ער געגעבן א תקיעת כף צו איינעם פון זיינע גייסטיקע חברים אין לערנען, צום זון פון ר׳ איצעלע שירווינטער, ר׳ אליהו לייזער גראדזענסקי, דעם איידעם פון ר׳ ישראל סאלאנטער, אז באם ביי זיי וועלן געבארן ווערן פעאיקע קינדער זאלן זיי זיך מתחתן זיין און היות ר׳ אליהו לייזער האט טעכטער מוז ער דעריבער מקיים זיין דעם תקיעת-כף.

צו עלף יאר איז ר׳ חיים עוזר אוועקגעפארן לערנען צו די איישישקער פרושים. פון דארט האט מען אים אין א יאר ארום צוריק אפגעשיקט אהיים מיט א בריוול צום איוויער רב, אז פאר זיין זון חיים זיינען צו קליין די קליינשטעטלדיקע קיבוצים און ישיבות, מחמת ער איז באשאפן פאר גאר גרויסע ישיבות לויט זיינע ידיעות אין לערנען.

ס׳איז דעריבער געבליבן מען זאל חיימען שיקן אין דער בארימטער וואלאזשינער ישיבה.

און נאך פאר בר-מצוה האט מען דעם קליינעם חיימען אויסגעריכט קיין וואלאזשין אין דער ישיבה אריין.

דערציילט מען וועגן דער דאזיקער נסיעה ר׳ חיים עוזרס אין דער וואלאזשינער ישיבה פאלגנדעס: דער איוויער רב האט זיין זון מיטגעגעבן א בריוו צו א באקאנטן רב פון א דערבייאיק שטעטל אויפן וועג קיין וואלאזשין, יענער זאל פון זיין זייט מיטגעבן חיימען א התקרבות-בריוול צום דעמאלטיקן וואלאזשינער ראש-הישיבה ר׳ הירש לייב בערלין ***). ווען דער בעל-עגלה האט דעם 13 יאריקן חיימען געבראכט אין יענעם שטעטל צום רבס שטוב, איז דער רב נאך ניט געווען געקומען פון דאווענען, הגם ס׳איז שוין געווען שפעט נאך תפילת שחרית. חיים איז דאן אוועק אויפזוכן דעם רב אין בית-מדרש. דארט האט ער געטראפן אין מזרח אן אלטן זיבעציק-יאריקן ייד, א הויכן, מיט א לאנגער גרייז-גראער בארד.

***) פאטער פון איצט באקאנטן מזרחי-פירער הרב ר׳ מאיר בערלין, וועלכער האט זיך גערופן דער „נציב".

איבערגעדעקט מיטן טלית און תפילין איבערן קאָפ, שטייענדיק שמונה־עשרה. ניט קענענדיק זיך דערוואַרטן ביז דער אַלטער רב וועט אויסגיין די שמונה־עשרה, האָט חיים זיך דערנעענטערט צו אים און גענומען זיך דרייען אַרום אים, כדי דער אַלטער זאָל אים באַמערקן. זעענדיק אַן אומבאַקאַנטן בחורל זיך פלאָנטערנדיק לעבן אים, וואָס האָט אים אגב געשטערט אין דאַוונען, האָט דער אַלטער בייז גענומען עפעס אונטערברומען אונטערן נאָז אין דער לאַנגער באָרד אַריין און טרייבן חיימען פון זיך מיט א הויכן גראָבן שטעקן, ער זאָל אַוועקגיין. בלית ברירה איז דער קליינער חיים אַרויס פון בית־מדרש און צוריק אַוועק צום רב אַהיים וואַרטן ביז יענער וועט קומען פון דאַוונען. די רביצין האָט אים אַריינגעפירט אין רבס חדר. דאָרט האָט זיך חיים אַוועקגעזעצט ביים רבס טיש, וואָס איז געווען פאַרוואָרפן מיט ספרים און גענומען אין זיי אַריינקוקן. אין האַנט איז אים געקומען עפעס א ספר אין כתב־יד. און אַזוי ווי דער קליינער חיים האָט גענומען מעין זיין אין געשריבענעם ספר האָט ער פון טיש גענומען די גענזענע פעדער, וואָס איז דאָרט געלעגן, אויפגעמאַכט דאָס פלעשעלע טינט און אָנגעהויבן גלייכצייטיק צו שרייבן עפעס אויף די פאַרבליבענע ווייסע ברעגעס פון די פאַרשריבענע עמודים. ס'האָט געדויערט אַזוי א היפשע צייט ביז אין שטוב איז פלוצלונג אַריינגעפאַלן דער בעל־עגלה מיט קולות, אַז ער קען מער ניט וואַרטן און אַז מען זאָל שוין פאָרן ווייטער. חיים האָט זיך אַריינגעזעצט אין בויד און אָפגעפאָרן.

באַלד נאָכדעם איז אָנגעקומען פון דאַוונען דער אַלטער רב. אַריינגייענדיק צו זיך אין חדר און באַמערקנדיק, אַז אימיצער האָט זיך דאָ געפאָרעט ביי זיינע ספרים און דערזעענדיק נאָך דערצו! זיין כתב־יד מיט די צוגעשריבענע הגהות, האָט ער זיך צעשריען אויף דער רביצין, למאי זי האָט אַריינגעלאָזט אין זיין חדר א פרעמדן בחורל „פאַטשקענען" אויף זיין ספר. ענדלעך, באַרואיקנדיק זיך, האָט דער אַלטער אויף משיקאָוועס גענומען לייענען, וואָס אַזוינס דער „פרעמדער בחורל" האָט דאָרט אָנגעשריבן אין זיין ספר און באַלד זיך געכאַפט פאַרן קאָפ מיט קולות: „ווער איז ער אָט דער גדול, אָט דער גאון? תיכף זאָל מען לויפן אים צוריק ברענגען!".

דעם רבס שמש האָט דעריאָגט די פור וויט הינטערן שטעטל. דער בעל־עגלה איז געווען שטאַרק אין כעס און ניט געוואָלט זיך אומקערן פון מיטן וועג. לסוף האָט ער ביים בעל־עגלה געפועלט און ער האָט חיימען ווידער צוגעפירט צום רבס שטוב. דער אַלטער רב איז חיימען אַרויס אַנטקעגן, אים א קוש געטאָן אין שטערן און מיט פאַטאָס געבעטן חיימען מוחל זיין פאַרן טרייבן אים מיטן שטעקן פון בית־מדרש. — „הרי אני כבן שבעים שנה — זיבעציק יאָר בין איך אַלט און האָב ניט געוואוסט, אַז איך מאַך טעותן אין לומדות, ערשט דו האָסט מיך די אויגן געעפנט"! האָט דער אַלטער אויסגערופן מיט א התפעלות צום 13־יאָריקן חיימען און באַלד דערויף געכאַפט און אָנגעשריבן צום וואָלאָזשינער ראש־הישיבה, אַז דער „מוכ"ז וואַקסט א גאון בישראל".

אין וואָלאָזשינער ישיבה האָט ר' חיים עוזר פאַרבראַכט א האַלב יאָר, מען האָט אים אויך פון דאָרט צוריקגעשיקט מיט א בריוו, אַז ער האָט דאָרט ניט וואָס צו טאָן, מחמת ער שטייגט איבער די ישיבה מיט זיין לומדות.

צוריקקומענדיק אַהיים האָט זיך ר' חיים עוזר שוין פון 15 יאָר אָן פאַרנומען מיט שרייבן אייגענע חדושי תורה. צו 17 יאָר האָט ער זיך שוין געהאַט דורכגעשריבן אין האַרבע סוגיות מיט די דאַמאָלסטיקע שוין באַרימטע גאונים צו יענער צייט ר' ישראל סאַלאַנטער, ר' יצחק אלחנן, ר' חיים בריסקער א. א. אין זייערע תשובות צו אים האָבן זיי שטאַרק געריימט זיינע לומדות און שאַרפן מוח.

אַפנים דער איוויער רב האָט טאַקע זיין תקיעת כף מיט זיין גייסטיקן יוגנט־חבר ר' אליהו לייזער געהאַלטן און צווישן „איוויער עילוי" און ר' אליהו לייזערס טאָכטער איז געשריבן געוואָרן תנאים.

ר' אליהו לייזער גראָדזענסקי איז מיט א יאָר עטלעכע און פערציק צוריק געווען דער הויפט מורה־הוראה אין ווילנע. ווערנדיק א חתן פאַר זיין טאָכטער לאה ע"ה, איז ר' חיים עוזר אַריבערגעפאָרן קיין ווילנע און נאָכדעם, ווי ס'איז פאָרגעקומען די חתונה איז ער געבליבן ביים שווער אויף קעסט און זיך אָפגעגעבן ווייטער אין לערנען און זייער א סך געשריבן חידושי תורה.

נאָכן טויט פון שווער האָט ר' חיים עוזר פאַרנומען אין ווילנע דעם כסא הרבנות.

דעם דאָזיקן פאָסטן פאַרנעמט הרב ר' חיים עוזר שוין העכער פערציק יאָר.

באַלד ווי ר' חיים עוזר איז געוואָרן רב אין ווילנע האָט ער געגרינדעט ביי זיך א קיבוץ פון די פעאיקסטע לערנער, צונויפגעקליבן פון די ישיבות, וואָס האָט זיך גערופן „ר' חיים עוזרס קיבוץ". פון ר' חיים עוזרס קיבוץ זיינען שפעטער אַרויסגעוואַקסן פיל פון די היינט־באַקאַנטע רבנים און לומדים אין דער יידישער וועלט, וועלכע האָבן צעטראָגן ר' חיים עוזרס שם ניט נאָר ווייט איבער די גרענעצן פון ירושלים דליטא, נאָר אויך ווייט איבער די גרענעצן פון געוועזענעם גרויסן רוסלאַנד, אין אייראָפע, אַמעריקע, אַפריקע א. א. מקומות.

ביי היינטיקן טאָג איז הרב ר' חיים עוזר אין דער לומדישער וועלט דער גרעסטער אויטאָריטעט אין הלכה. זיינע חדושי תורה זיינען צעוואָרפן אין הונדערטער ספרים פון דער רבנישער ליטעראַטור, אין שאלות און תשובות פון פאַרשיידענע תלמודישע מחברים, אין פאַרעפנטלעכטע בריוו, „דברי תורה" און געדרוקטע הסכמות צו פאַרשיידענע ספרים. ער איז באַקאַנט אַלס קעגנער פון פלפול און אָנהענגער פון פשטות אין ענין פון לימוד התורה. ביי דער דאָזיקער שיטה האַלט ער זיך ביז היינטיקן טאָג.

ר' חיים עוזר האָט זיך ניט נאָר באַנוגנט מיט לומדישע און רעליגיעזע ענינים. זיין טעטיקייט האָט זיך געלאָזט שפירן אויף אַלע געביטן פון ווילנער יידישן געזעלשאַפטלעכן און קהלשן לעבן. זיין הויז איז תמיד פול מיט רבנים, לומדים, כלל־טוער פון אַלע שיכטן פון דער יידישער געזעלשאַפט סיי פון ווילנע, סיי פון דער פרעמד. פון דער גאַנצער וועלט ווענדעט מען זיך צו אים, ווער נאָך אַן עצה, ווער נאָך א שאלה, ווער ס'בעט אַן אויפקלערונג אין א שווערער סוגיה אין ים התלמוד, ווער ס'קומט נאָך א הסכמה אויף א ספר א. א. איר טרעפט אין זיין הויז יידן פון אַלע וועלטטיילן, איר קענט דאָרט אַמאָל באַגעגענען א טערקישן יידן שמועסנדיק אויף העברעאיש, אַן אַמעריקאַנער דעלעגאַט, א דייטשן ראַבינער, א ענגלישן ראַביי א. אַז. וו. פאַר אַלעמען געפינט ר' חיים עוזר צייט. דערצו נאָך קומט אים אויס אַליין מיט זיין אייגענער האַנט צו ענטפערן אויף הונדערטער בריוו, וואָס ער דערהאַלט דורך דער פאָסט מכל תפוצות ישראל אָדער דורך עקסטרע שילוחים אין פאַרשיידענע יידישע ענינים סיי אַלגעמיינע, סיי רעליגיעזע. דאַרף מען וואו ערגעץ א רב, א שוחט, א מוהל און אַנדערע כלי קודש ווענדעט מען זיך צו הרב ר' חיים עוזר נאָך א קאַנדידאַט און ר' חיים עוזר באַזאָרגט שוין מיטן געהעריקן פאַסיקן קאַנדידאַט צי דאָס איז אין א קליין שטעטל אין פוילן און ליטע, צי דאָס איז אין ווייטן רוסישן סיביר, צי דאָס איז ערגעץ אין ווייטן אַמעריקע, אַפריקע אָדער אַוסטראַליע.

במשך די 40 יאָר, וואָס ר' חיים עוזר זיצט אויפן כסא הרבנות אין ווילנע, האָט מען זיך פיל מאָל געווענדעט צו אים פון פאַרשיידענע ערטער, דערינען אויך פון ארץ־ישראל, ער זאָל ווערן דאָרט רב. ר' חיים עוזר האָט זיך אָבער אָפגעזאָגט צו פאַרלאָזן ירושלים דליטא.

ווען אין 1907 האָט באַראָן גינזבורג ניט אַנדערש פאַרלאַנגט ר' חיים עוזר זאָל

ווערן פעטערבורגער רב, זיינען די ווילנער קהלשע טוער געקומען צו ר׳ חיים עוזרן מיט א פאַרטיקן כתב אויף ווילנער אב״ד. אָבער ר׳ חיים עוזר האָט זיך אָנטזאָגט אָנצונעמען אַט דעם טיטל צוליב דער תקנה, וואָס ווילנער קהל האָט אָנגענומען מיט 150 יאָר צוריק, אַז אין ווילנע טאָר ניט זיין קיין רב. גלייכצייטיק האָט ער זיך אָבער אויך אָנטזאָגט אָנצונעמען דאָס פעטערבורגער רבנות.

נאָך דער ערשטער רעוואָלוציע אין 1905, ווען אויף דער יידישער גאַס האָבן גענומען בלאָזן פרייערע ווינטן און ס׳האָט זיך געשפירט א נויטווענדיקייט אויך פאַר אָרטאָדאָקסישע יידן צו באַטייליקן זיך אין פּאָליטישן לעבן, האָט ר׳ חיים עוזר אין 1906 געגרינדעט די אָרגאַניזאַציע „כנסת ישראל", וועלכע איז אָבער שפּעטער דורך סטאָליפּינען פאַרמאַכט געוואָרן.

אין 1910 האָט די צאַרישע מאַכט צוזאַמענגערופן אין פעטערבורג די היסטאָרישגעוואָרענע רבנים-קאָמיסיע מיטן ציל צו געבן אַן ענטפער אויף פיל פראַגן פון יידישן רעליגיעזן לעבן, וועלכע האָבן זיך במשך פון לאַנגע יאָרן אָנגעקליבן אין סענאַט און געבליבן אָן א באַשייד. דער פאָרזיצער פון דער דאָזיקער קאָמיסיע אין איר אָפּטיילונג פאַר רבנות-ענינים איז דאַן געווען הרב ר׳ חיים עוזר.

ערב דער דייטשער אָקופּאַציע איז ר׳ חיים עוזר געווען געצוואונגען צו עוואַקואירן זיך קיין רוסלאַנד, מחמת ס׳איז געווען א גרונט, אַז די דייטשן וועלן אים נעמען אַלס ערבות-מאַן. אין רוסלאַנד האָט ר׳ חיים עוזר פאַרבראַכט א פּאָר יאָר אין האָמעל, יעקאַטערינאָסלאַוו און אַנד. שטעט פון אוקראַינע און קרים, וואו ער האָט פאַרצווייגט א ברייטע נעץ פון יידיש-רעליגיעזע שולן און ישיבות.

אין דער צייט פון דער קערענסקי-רעגירונג איז ר׳ חיים עוזר איינגעלאַדן געוואָרן דורכן דאַמאָלסטיקן בילדונגס- און רעליגיע-מיניסטער קאַרטאַשעוו אויף א באַראַטונג פון פאָרשטייער פון אַלע רעליגיעס אין רוסלאַנד וועגן געבן מער פרייהייטן די דערמאָנטע רעליגיעס. די באַראַטונג איז אָבער ניט צושטאַנדגעקומען צוליב דער באַלדיקער באָלשעוויסטישער איבערקערעניש.

אין 1918 קערט זיך ר׳ חיים עוזר אום צוריק קיין ווילנע, וואו ער נעמט זיך ווידער צו זיין טעטיקייט אין היגן קהלשן לעבן, גרינדעט דעם ועד העזרה, א נעץ פון רעליגיעזע שולן אונטערן נאָמען „יבנה", וועלכע עקסיסטירן נאָך ביז אויף היינטיקן טאָג.

צו יענער צייט זאַמלט ר׳ חיים עוזר צונויף אַלע זיינע חידושי תורה, וועלכע ער



האָט נאָך געהאַט אין כתב-יד, ברענגט זיי אין א סדר און פאַרעפנטלעכט אין צוויי גרויסע חלקים אונטערן טיטל „אחיעזר". אין די דאָזיקע צוויי ספרים ווערן באַהאַנדלט א ריי שאלות ותשבות וועגן עגונות, גטין א. אַז. וו. וויטערדיקע „חידושים" ווערן נאָך פאַרפאַרטיקט פאַר נייע חלקים „אחיעזר".

אויף דער אַלוועלטלעכער צווייטער „כנסיה" פון די אָרטאָדאָקסישע יידן אין ווין אין יאָר 1929 ווערט ר׳ חיים עוזר דערוויילט אַלס אַן ערן-פאָרזיצער פון דער „כנסיה" און אַלס פאָרזיצער פאַרן אויסגעקליבענעם ועד פון „מועצה גדולי התורה".

די הויפּט-ענערגיע אין זיין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט ווענדעט ר׳ חיים עוזר אָן לעצטנס אויף חיזוק התורה און חיזוק הדת. צוליב דעם צוועק איז ער די לעצטע יאָרן געווען דער איניציאַטאָר פון פיל רבנישע צוזאַמענפאָרן, האָט געגרינדעט א ועד החינוך, א ועד הישיבות פאַר גאַנץ פּוילן, האָט מיטגעווירקט צו דער גרינדונג פון אגודת הרבנים אין פּוילן, האָט פאַראייניקט אַלע ווילנער רבנים אין א ועד, פון וועלכן ער איז דער יושב ראש און גייסטיקער פירער.

ר׳ חיים עוזר גראָדזענסקי איז אויך מיטגליד פון עקזעקוטיווע פון געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ" אין ווילנע פון זיין אָנשטייאונג אין יאָר 1919 אָן ביז אויף היינטיקן טאָג.

**גיסערמאַן** יצחק. אין 1929 איז מיר געוואָרן 40 יאָר.

פון דער ערשטער העלפט פון מיין לעבן, פון די ערשטע 17—18 יאָר, ביז דער צווייטער העלפט, ליגט א מהלך פון א גאַנצער תקופה. ווען איך וואָלט אויבן ניט דערמאָנט מיין עלטער, וואָלט מען פון מיינע ערשטע לעבנס-יאָרן געקענט מיינען, אַז איך בין אַלט ניט 40 נאָר 140 יאָר און אויב איך האָב פערזענלעך ניט געקאָנט שלמה מיימון, האָב איך אים יעדנפאַלס געקאָנט קענען.

כ׳בין געבאָרן און אויסגעוואַקסן אין א גרויסן גוט—יידישן הויף, א הויף מיט זין, איידעמס און אייניקלעך, אַן אָפּגעזונדערטע וועלט, וואוהין ס׳האָבן זיך געצויגן טויזנטער חסידים. מיין זיידע, מיין מוטערס פאָטער ר׳ מרדכי בער טווערסקי, איינער פון די גרעסטע רבים אויף אוקראַינע, באַקאַנט אַלס דער האָרנאָסטאָיפּאָלער רבי (האָרנאָסטאָיפּאָל איז א קליין שטעטל אין קיעווער גובערניע, וועלכע איז, דרך אגב, כמעט אינגאַנצן חרוב געוואָרן אין דער צייט פון די פּאָגראָמען)—איז אויך געווען איינער פון די גרעסטע גאונים אין זיין דור, מחבר פון א סך ספרים אין לומדות און קבלה. וועגן זיינע מדות און צדקות זיינען נאָך בחיו געשאַפן געוואָרן לעגענדעס און ניט



נאָר ביי די טויזנטער חסידים, נאָר אפילו ביי זיינע מקורבים און לייב-מענטשן איז געשאַפן געוואָרן א מוראדיקע ערפורכט, א יראת הקודש צו זיין פערזאָן. איך זאָג „ערפורכט", „יראת הקודש", ניט האָבנדיק קיין אַנדערע מער טיפערע באַצייכנונג פאַר דער אומגלויבלעכער פאַרהייליקונג פון זיין פערזאָן פון די אַלע אַרומיקע.

אוממעגלעך פאַר איינעם פון אונזער מאָדערנער געזעלשאַפט, וועלכע איז געוואוינט צו די עקסיסטירנדע באַציאונגען פון מענטש צו מענטש, וואָס אפילו צו דעם אויסדערוויילטסטן, צו דעם גרעסטן און גייסטרייכסטן איז דאָך די באַציאונג ווי צו א מענטשן, ווי צו א גלייכן, צו פאַרשטיין די פאַרגעטערונג אין דער סביבה פון טויזנטער חסידים צו דעם רבין, צום צדיק. בנוגע צום זיידן איז דער באַגריף פון קדוש עליון ביי די אַלע אַרומיקע געווען א בפועל-ממשדיקער. און זיין פערזאָן האָט ניט איבערטריבן אַרויסגערופן ביי די חסידים א דערהויבענע מורא פאַר זיין הייליקייט. אַלטע חסידים פלעגן זאָגן, אַז זיי האָבן ניט געזען בנוגע די אַלטע גוטע יידן אַזאַ ערפורכט. „ביים צמח צדק, ביי ר׳ מענדעלע ליובאַוויטשער, פלעגט זאָגן מיין רבי, דער טשאַשניקער עלוי, האָבן מיר אַזוינס ניט געזען". פּראָפ. פישל שניאורסאָן, וואָס איז אויך פון אונזער משפּחה, האָט מיר אַמאָל געזאָגט, אַז נאָר אין די אַמאָליקע דורות האָט געקענט געשאַפן ווערן אַזאַ פאַרהייליקונג צו א פערזאָן, ווי דאָס איז געווען בנוגע דעם האָרנאָסטאָיפּאָלער, ד. ה. מיין זיידן. ענלעכעס האָט מיר אַמאָל געזאָגט ח. נ. ביאַליק, וואָס איז אויסגעוואַקסן אין זשיטאָמיר, וואו ס׳זיינען געווען א סך האָרנאָסטאָיפּאָלער חסידים. צי האָב איך מיינע קינדערשע פאָרשטעלונגען, מיינע אייגענע געפילן ניט פאַראַלגעמיינערט און זיי אָנגענומען פאַר א פאַרהייליקונג מצד אַלע אַרומיקע?

איך גלויב, אַז ניין.

שטעלט זיך פאָר: טויזנטער חסידים ציען זיך צום הויף, כדי זיך אויסטאָן אויף א קורצער צייט פון זייער טאָג-טעגלעכקייט און וואָכעדיקייט און דורכדעם איז טאַקע אין הויף די וואָך כמעט מער ניט וואָכעדיק. ווער רעדט אין א יומא דפגרא, א שבת און בפרט א יו״ט. יעדער יום-טוב ציט אָן אַנדער עולם חסידים. אויף שבועות קומען רבנים און לומדים, ראש-השנה — יראים, חסידים, וואָס פלעגן פאָרן צום אַלטן, פיל בלייבן דעם גאַנצן תשרי און אַנדערע אפילו ביידע חדשים אלול און תשרי. חסידים, וואָס לאָזן די פאַמיליעס און קומען אויף פסח, חסידים, וואָס קומען אַלע שבת מברכים, חסידים, וואָס קומען, ווען עס פאַרבענקט זיך און עס גיט א צי צום רבין און

דאָס מאַכט זיך אַלע פּאָר חדשים. און יעדער איינער ברענגט אַריין זיין אויסגעטאָנקייט פון די וואָכעדיקע טרדות, זיין נשמה-יתרה, די פונקען, וואָס יעדער ברענגט מיט, פאַראייניקן זיך אין ליכט, וואָס לייכט און וואַרעמט, ציען צו דעם ליכט טויזנטער יידן, גיט יעדער צו זיין פונק, לייכט די ליכט און וואַרעמט ווייטער ממש סנה שאינו אוכל. איצט שטעלט זיך פאָר אויף דעם פּאָן פון הויף מיט דער אַטמאָספער פון געלויטערטקייט און נשמה-יתרהדיקייט, וואו וואָכעדיקע טעג האָבן געהאַט אין זיך אַ ניצוץ פון ימים-נוראים, דעם רבין, צו וועמען אַלע הערצער ציען און פאַרכטן. דור נאָך דור פון בעל-שם, ר' נחום טשערנאָבילער, דעם ליאַדיער רבי — דעם בעל התניא, פון קינדווייז אָן עלוי. פון פיר אַזייגער פאַרטאָג האָט קיינער ניט געזען פאַרלאָשן די ליכט אין זיין חדר, אויסער דער נאַכט פון ניטל ניט אויפגעהערט צו לערנען. אַ גאון, צו וועמען עס ווענדן זיך די מתנגדישע גדולים, געדרוקט ספרים אין נגלה און נסתר, אַ בעל-צדקה, וואָס ער האָט צעגעבן אַלץ און אָפט ניט געלאָזט דער רביצן אויף שבת (די באָבע, דווקא אַ טאָכטער פון ר' חיים צאַנזער, וואָס האָט געשמט מיט זיין צדקה, איז ניט געווען זייער צופרידן פון דעם זיידנס פזרנות). שטעלט זיך דאָס אַלץ פאָר און עס וועט אפשר ווערן טיילווייז פאַרשטענדלעך די יראת הכבוד, די גוואַלדיקע ערפורכט צום זיידנס פּערזאָן, וואָס איך האָב אויבן דערמאָנט.

איך דערמאָן מיך: זייענדיק אַ חלוש כל ימיו פון ניט דערשלאָפן, פון לערנען יומם ולילה, האָבן אים דאָקטוירים געהייסן אַ האַלבע שעה — אַ שעה אין טאָג פאַרן שפּאַצירן אויסערן שטאָט. ווען דער זיידע פלעגט פאַר מנחה דורכפאָרן די שטאָט אין זיין קאַרעטע, פלעגט אויף אַ פּאָר מינוט ווי פאַרגליווערט ווערן די גאַס. די יידן ווי די פויערים פון דער סביבה פלעגן זיך אויפכאַפּן און בלייבן שטיין אין דער זעלבער פּאָזע ביז די קאַרעטע פלעגט פאַרשוואונדן ווערן פון אויג.

און ווייטער: אויפן שפּאַציר פלעגן מיטן זיידן מיטפאָרן איינער פון די זין אָדער איידעמס און אויף דעם בענקעלע אַנטקעגן צוויי פון די אייניקלעך. מיר קליינוואַרג פלעגן שוין צווישן זיך היטן די ריי. דערמאָן איך מיך: איינמאָל איז קיינער פון די פעטערס ניט מיטגעפאָרן און דער זיידע האָט מיך אָנגענומען פאַרן הענטל און אויפגעהויבן פון בענקעלע און אַוועקגעזעצט לעבן זיך. שטענדיק, טאָג-טעגלעך מיטן זיידן צוזאַמען, אָבער זיצן גלייך לעבן זיידן און נאָר מיר צווייען — איך בין אַ פאַרציטערטער געוואָרן. קיין ברירה ניט געהאַט, אָבער פאָרט ניט געקענט איינזיצן — האָב איך זיך געמאַכט, אַז איך זיץ און געווען די גאַנצע צייט אָנגעשפּאַרט אויף דעם אייזן פון דער קאַרעטע. עטלעכע טעג איז געווען ביי מיר געשוואָלן די האַנט און, פאַרשטענדלעך, קיינעם ניט געזאָגט דערפון. אַזוי גרויס איז געווען די יראת הכבוד פאַרן זיידן אַפילו ביי אונז, קינדער.

ס'שטייט פאַר מיינע אויגן אַזאַ בילד:

זומער פאַרנאַכט, געלערנט מיטן רבין דעם ברוך טעם פון ר' ברוך תאומים פרענקעל (דער באָבעס אַ זיידע, אויך די גערער רבים זיינען זיינע אייניקלעך). איין אָרט האָב איך ווי אויך דער רבי ניט פאַרשטאַנען. מיטן ספר אונטערן האַנט געוואַרט אונטערן זיידנס טיר. דער זיידע האָט מיך אַריינגערופן. אַ האַלבע שעה, אַ שעה, דער זיידע לערנט מיט מיר, דערקלערט מיר. לערנענדיק באַמערק איך — אין טיר, וואָס פירט אין „סאַלע“, וואו עס וואַרט דער עולם, עפנט זיך אַלע ווילע און אברהם-דוד דער גבאי מאַכט מיר מיטן האַנט. דער עולם וועט פאַרשפּעטיקן צום לעצטן דאַמפער.



איך זאָל שוין גיכער ענדיקן. די צווייטע טיר אין די אינעווייניקסטע צימערן עפנט זיך און די מאַמע מיט אַ גליקלעכן שטראַלנדיקן פנים קוקט אַריין און זי האָט זיך זיכער געוואונטשן, אַז דאָס זאָל זיך לאַנג, לאַנג ניט ענדיקן.

און איינמאָל פּורים, איינער פון די גליקלעכסטע טעג פון מיין קינדהייט. מיין געשוועסטערקינד מענדל שניאורסאָן, דעם טשערקאַסער רבס זון (איצט פינאַנץ-לייטער פון ירושלימער אוניווערסיטעט), האָט צוגעשיקט דעם זיידן דורך דער פּאָסט אַ פּלפּול, וואָס ער האָט מחדש געווען. די גאַנצע פּאָסט פלעגט דורכגיין דורך מיין פעטערס האַנט. האָב איך דאָס איבערגעגעבן דעם זיידן פּורים אינדערפרי, אָבער שוין צוזאַמען מיט מיינעם אַן ענטפער אויף שניאורסאָנס פּלפּול, וואו איך האָב געמאַכט פון אים אַש און פּאָרוך (איצט מעג איך דאָך שוין אויסזאָגן — אַ ביסל מיט דער הילף פון מיין רבין משה אייזיקן).

בשעת דער סעודה האָט דער זיידע געוויזן די רבנים, ווי זיינע אייניקלעך קריגן זיך אין לערנען און האָט געזאָגט צו ר' משה פּאַטשיפּער, דעם איוואַנקאָווער רב, אַז קיינמאָל האָט ער נאָך ניט באַקומען אַזאַ שיינע מתנה. דאָס האָט גלייך געוואוסט דער גאַנצער עולם און אַלע האָבן אויף מיר, דעם 11—12 יאָריקן, געקוקט מיט אַ שטאַרקן דרך-ארץ. יעדנפאַלס אַזוי האָט זיך מיר דאַן אויסגעוויזן, און איך בין געווען שטאָלץ און גליקלעך, אָבער נאָך מער — די מאַמע.

דעם גרעסטן נחת, אָבער, האָט מיין מאַמע פון מיר געהאַט, ווען צו מיין בר-מצוה האָט דער זיידע מיר געשענקט זיין סויבלענע היטל (אַ מין שטריימל), וועלכע ער פלעגט טראָגן אין אַ יומא דפגרא ווי חנוכה, ראש-חודש. און איך? אַ ביסל שטאָלץ, אָבער וועלכע ליידן האָט דאָס מיר פאַרשאַפט. מיט דעם מאָמענט איז ווי אונטערגעשניטן געוואָרן מיין קינדהייט מיט אַלע זיינע פריידן און שטיפערייען. געמוזט זיין סטאַטעטשנע, ציילן יעדן טריט, ניט אַ ריר-טאָן זיך פון אָרט אין בית-המדרש. און ווי ס'האָט זיך געחלשט זומער בשעת קריאת התורה אַרויסלויפן אין הויף! אַזאַ בריה ווי איך בין געווען זיך דראַפּן ביי אונז אין גאָרטן אויף די עפּל-בוימער, אָבער פון דאַן אָן אויס. אויף דעם האָט מיר דער זיידע געשענקט זיין שטריימל?

גיט נאָך צו דערצו, אַז דאַן, צו 13 יאָר בין איך שוין געווען אַ חתן פון אַ 3—4 יאָר פאַר אַ גרויסן גאַליציאַנער גוטן יידנס אַ טאָכטער, וועלכע כ'האָב קיינמאָל ניט געזען, אָבער דער גאָלדענער זייגער מיט דער קייט האָבן ווי געוועגן צענדליקער פּוד און האָבן געבונדן יעדן טריט מיינעם.

פאַרן לויפן נאָך אַ וואָגן אין גאַס וואָלט איך געווען דאַן גרייט אַפילו שענקען דאָס, וואָס ניט זעלטן פלעגט זיך אַן אַלטער חסיד פאַר מיר אויפשטעלן ווי פאַר דעם רבינס אַ קינד.

אונז קינדער האָט דער גרויסער הויף מיט זיין אייגנאַרטיקן לעבן פול געמאַכט די מוחות און הערצער. דער הויף איז געווען אונזער גאַנצע וועלט און פון יענער זייט פאַרקאָן האָט זיך אָנגעהויבן „עפּעס אַנדערש“, וואָס איז געווען פאַר אונז פאַרהילט און מטושטש. מיט דעם „עפּעס אַנדערש“ האָבן מיר קיין מגע ומשא ניט געהאַט.

פון זעקס יאָר אָן, ווען איך האָב אָנגעהויבן לערנען גמרא, בין איך, ווי אויך די איבעריקע קינדער פון הויף, ניט געגאַנגען אין חדר מיט שטאָט-יינגלעך. געהאַט אַליין אַ רבין, אַ פּאָר יאָר איז דאָס געווען אַ ליטווישער גדול, דער טשאַשניקער עלוי ר' אברהם-יוסף קרעמער (דוכט מיר, דער פעטער פון גרינדער פון „בונד“ אַרקאַדי קרעמער). קיין צייטונגען האָב איך ניט אָנגעקוקט און כמעט ניט געוואוסט וועגן זייער

עקסיסטענץ. צום ערשטן מאָל האָב איך געזען א „הצפירה“, וואָס דעם גבאים אַן אייניקל חיים מאַטוסאָוו (איצט א רב אין אוקראַינע) האָט אונטערגערוקט מיין פעטער אונטער דער פּאָלע.

דאָס ערשטע ביכל, וואָס א שטאָטישער יינגל האָט מיר בסודי סודות איבערגעגעבן, איז געווען א באַנד פון „זכרונות לבית דוד“. דאָס איז געווען ערב פסח, ווען מען איז מיט גרויס פּאַראַד געפאָרן צום טייך נאָך מים שלנו, אָבער איך האָב זיך אָפּגעזאָגט פון דעם געוויינלעך גוואַלדיקן פאַרגעניגן און זיך געמאַכט קראַנק און ניט געפאָרן. כ׳האָב דאָס ביכל איינגעשלונגען פיבערנדיק און דעם טעם פון ביכל פיל איך נאָך עד-היום. פון דאַן האָט זיך „דאָס“ אָנגעהויבן. באַקומען בשתיקה העברעאישע ביכער פון שטעטל און געשלונגען מיט מוראַדיקער דורשט. איינמאָל איז צו מיר אַריינגעפאַלן א לוח „אחיאסף“, האָב איך אים געלייענט די גאַנצע נאַכט און פאַרטאָג, אַז איך האָב געענדיקט, האָב איך אָנגעהויבן לייענען פון אָנהויב צום צווייטן מאָל. געהאַרעוועט אויף דעם מורה נבוכים מיטן כוזרי.

א גרויסע געשעעניש איז געווען, ווען ס׳איז צו מיר אַריינגעפאַלן דער „דור — דור ודורשיו“ פון ווייס. אַזוי האָב איך ממש פאַרצערט אַלע העברעאישע און די ווייניק יידישע ביכער, וואָס זיינען געווען אין שטעטל. וואָס טוט מען ווייטער? האָט מיר א משכיל, שלמקע סטאַראָבינסקי, געעצהט זיך אויסלערנען רוסיש, אָבער ווי אַזוי לערנען, אַז איך האָב קיינמאָל ניט געזען און ניט געהערט קיין רוסיש וואָרט.

צונויפגעקליבן מאַרקעס, וואָס מען פלעגט אַריינלייגן אין די בריוו אויף ענספערס, און אויף דעם אַדרעס פון זעלבן משכיל אויסגעשריבן שטיינבערגס רוסיש — העברעאישן ווערטער-בוך, געקראָגן א רוסיש ביכל אַן אָנהויב און אַן א סוף און גענומען קוקן יעדן וואָרט אין ווערטערבוך. גאַנצע נעכט געשטעטעט אין ווערטערבוך, א מוראַדיקע שווערע אַרבעט, אָבער ווי גליקלעך בין איך געווען, ווען די געהיימע ווערטער האָבן אָנגעהויבן באַקומען אַן אינהאַלט און האָבן זיך גלענצנד געפּאַסט איינס צום צווייטן און אַלע צוזאַמען האָבן אָנגעהויבן ריידן צו מיר פאַרשטענדלעך און קלאָר. א גוואַלדיקער פאַרגעניגן.

א גרויסע מיטהילף דורך נוציקע אָנוויזונגען פלעג איך צו יענער צייט באַקומען פון די „טשערקאַסער קינדער“. אַזוי האָבן געהייסן ביי אונז דער אויבנדערמאָנטער מענדל שניאורסאָן און זיינע ברידער, וועלכע וואוינענדיק אין טשערקאַס, ניט אָפּגעזונדערט פון דער שטאָט, האָבן זיך שוין געהאַט געלערנט האַלב אָפּן. צום זיידן פלעגן זיי קומען צו גאַסט אויף לאַנגע חדשים.

איינאָרדענענדיק זיך קונציק ווי אויסצובאַהאַלטן די ביכער, פלעג איך ביי אָפענע גמראס און פוסקים לייענען לאַנגע ווינטערדיקע אָוונטן און גאַנצע נעכט די רוסישע קלאַסיקער. עמערווייז גליק פלעג איך שעפּן פון פושקין, לערמאָנטאָוו, דאָסטאָיעווסקי, טאָלסטאָי און באַזונדערס פון טשעכאָוו. דעם גרעסטן גליק האָט מיר אָבער פאַרשאַפט דאָס בוך, וואָס מען האָט געקראָגן פאַר מיר ביי בתיהלען דער אַקושערין „די געשיכטע פון דער ציוויליזאַציע אין ענגלאַנד“ פון באָקלען און באַזונדערס די פאַררעדע וועגן די פאַקטאָרן, וואָס ווירקן אויף דער געשיכטע.

א קוריאָז — שוין לייענענדיק גוט רוסיש האָב איך געמיינט, אַז דאָס איז נאָר א שפּראַך, אויף וועלכן מען שרייבט ביכער, ווי ביי אונז העברעאיש און ריידן רעדט מען אויף דער שפּראַך, וואָס האָבן גערעדט איוואַן דער סטרוזש און סאָפיאָ די וועשערין (זיי האָבן גערעדט אוקראַיניש).

אויסחזרנדיק אויף אויסוויינינק בלאָשטיינס רוסישע גראַמאַטיק אין יידיש האָב איך זיך שוין באַטראַכט פאַר א מלומד אין רוסיש און איך האָב שוין געוואָלט מהנה זיין אַנדערע. מיין שילערין איז געווען מיין פעטערס זייער שיינע טאָכטער (איצט א רביצן אין גאַליציע). מיינע יינגערע שוועסטער פלעגן באַקומען געצאָלט פאַרן שטיין בעת די לעקציעס אויף דער וואַך און וואָרנען פאַר א געפאַר.

בשעת איך בין אַלט געווען 15 יאָר, איז דער זיידע נפטר געוואָרן, אָבער מיר זיינען נאָך געבליבן עטלעכע יאָר וואוינען אין שטעטל.

יענע צייט האָב איך זיך שוין מער קיין אָרט ניט געפונען אין קליין שטעטל און ביינאַכט בין איך אַוועק קיין ווילנע. מען האָט אָבער געצוואונגען מיינע חברים, וועלכע מען האָט חושד געווען, אַז זיי ווייסן מיין סוד און זיי האָבן מיך טאַקע אַרויסגעגעבן. אין א פּאָר טעג אַרום נאָך מיין קומען קיין ווילנע, האָט מען מיך אויפגעזוכט און כ׳האָב געמוזט זיך אומקערן אַהיים. כ׳האָב אָבער אַרויסגענומען א תנאי, אַז מען זאָל מיר נעמען א רוסישן לערער. איך האָב דערפאַר צוגעזאָגט, אַז איך וועל ניט אַוועקוואַרפן דאָס לערנען גמרא און פוסקים.

ווען איך בין אַלט געוואָרן א יאָר אַכצן, איז מיין פאָטער אויפגענומען געוואָרן פאַרן חסידישן רב אין קיעוו און זייענדיק דאָרט, האָב איך שוין געקענט לערנען פראַנק און פריי. מיין לערער איז דרך-אגב געווען מ. ראַפּאַלסקי, דער איצטיקער רעזשיסער פון ווייסרוסישן מלוכה-טעאַטער.

לערנענדיק א שטיקל צייט אין קיעוו, איז שוין אויך קיעוו געוואָרן פאַר מיר ענג און מיך האָט געטראָגן אַזש קיין בערלין, וואוהין ס׳האָט מיך גערופן מיין קינדהייט- און יוגנט-חבר, דער העברעאישער דיכטער שמאי פינסקי.

געוואָלט אַריין אין ראַבינער-סעמינאַר און דורכדעם אין אוניווערסיטעט, אָבער אָפּזיינענדיק א קאַרגן יאָר, בין איך לויט דער עצה פון מיכה יוסף בערדיטשעווסקי געפאָרן צוריק, אָבער שוין ניט קיין קיעוו, נאָר קיין אָדעס, זיך דאָרט פילן פריי און לערנען ניט געשטערט.

דאָ הויבט זיך אָן די געוויינלעכע געשיכטע פון די הונדערטער עקסטערנעס מיט עקזאַמענס, מיט דורכפאַלן, מיט מיניסטער שוואַרצס גזירה׳ס קעגן עקסטערנעס, אָבער דאָס איז שוין אַזוי צו זאָגן פריוואַטע ענינים, וואָס וועלן פאַר קיין זייטיקן וואַרשיינלעך ניט זיין אינטערעסאַנט.

אמת, עס וועקן זיך איצט אין מיין זכרון עפּיזאָדן פון יענער צייט, וואָס בעטן א תיקון, זכרונות, וואָס ווילן זיך נעבעך רעטן פון תהום פון אייביקער פאַרגעסנקייט. און ווי לאַזט מען טאַקע פאַרגעסן ווערן אַזוינע פיינע מאָמענטן פון קיעווער פעריאָד, ווי, למשל, דער קרייז אַרום דעם הויז פון די „מייזעליאַטעס“ (נחמן מייזל, זיינע ברידער און שוועסטער) מיט זיין באַזונדער אַטמאָספער, דעם הויז, צו וועלכן ס׳האָט זיך געקלעפּט אַלץ, וואָס ס׳איז געווען יונג און ניי, דעם הויז, אין וועלכן ס׳האָבן זיך אַזוי פיין צונויפגעגאָסן און האַרמאָנירט די נגונים פון טשאַרטקאָוו און באַיאַן פון טאַטנס צימער מיט די וכוחים וועגן יידישער ליטעראַטור און קונסט אין די צימערן פון די „יינגלעך“. אָבער זאָל דאָס שילדערן נחמן אַליין, פאַרשטעלן בערגעלסאָן, נסתר, האָפשטיין, דאָברושין, מאָלן די קינסטלער ריבאַק, פאַילעס, עפּשטיין, אַראָנסאָן, דער אַרטיסט ראַפּאַלסקי אָדער זאָל פון דעם „מאכן אַן אַנטאָלאָגיע“ ע. קאַרמאַן.

איך וועל אַלזאָ אַריבערגיין צום פעריאָד פון מיין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, צוליב וואָס כ׳האָב איינגנטלעך אָנגעהויבן מיינע נאָטיצן פאַרן פנקס.

די השגחה האָט געוואָלט, אַז פון אָנהויב מלחמה אָן זאָל דאָס קליין רימשקעלע פון מיין פערזענלעך לעבן פאַרקערעווען נאָענט צום גרויסן שטראָם פון היסטאָרישע געשעענישן און אָפט איינגעשלונגען און געטראָגן געוואָרן דורך אים. פערזענלעכע און אַלגעמיינע געשעענישן האָבן זיך צוזאַמענגעפלאָכטן. אָפט ווען איך רייס אַרויס ביים שר של שכחה די אָדער יענע אין פלוג גענומען ריין פערזענלעכע טראַינערונגען פון יענעם פעריאָד זע איך, אַז זיי קענען

דינען אלס א צושטייער צו דער געשיכטע פון דער ברויזנדער מלחמה-רעוואלוציע-פאגראמען-תקופה.

סוף 1914, אנהויב 1915. קיעוו. עס שטראמען היימלאזע. אנטלאפענע פון פראנט און ארויסגעשיקטע פון פוילן, פון קאוונער געגנט און טויזנטער ארעסטירטע פון די גאליציאנער שטעטלעך. גאנצע שטעט, ווי פאדוואלאטשיסק, למשל, ווערן געטריבן צו פוס קיין קיעוו. די גאנצע אינטעליגענץ, ווי די אסימילירטע אויף רעכטס ווי אויך די אסימילירטע אויף לינקס האט זיך זעלבסט מאבילידירט. מען איז גרייט אויף יעדן קרבן און מען טראגט זיי אויך, ניט ווייסנדיק אפילו דערביי, אז מען טוט עפעס. די נויטיקע געוואלדיקע סומען ווערן שנעל געשאפן מיט אן עודף. מען טראגט אליין דאס געלט און אפט דינגט מען זיך מיט די מנדבים למאי זיי גיבן צו פיל. מען ארגאניזירט זיך שנעל ארום „קאפע" (דער „יעקאפא" פאר אוקראינע). עס ווערן געשאפן פארשיידענע קאמיסיעס. מען ארבעט מיט אלע כוחות און איבער אלע כוחות, אבער וואס מער מען ארבעט אויף, מערן זיך די כוחות. צו יענער צייט האב איך מיטן גאנצן אימפעט זיך אריינגעווארפן אין דער ארבעט. כ'האב ארגאניזירט די עוואקואציע-קאמיסיע, געווען דער וויצע-פארזיצער (פארזיצער איז געווען דער דענישער קאנסול גריגארי יעווסייעוויטש גורעוויטש, נאך צען יאר, דורך אגב, האבן מיר זיך געטראפן אלס עדות אויפן שווארצבארד-פראצעס אין פאריז). די קאמיסיע איז שנעל געווארן די וויכטיקסטע. הונדערטער יונגעלייט, דערהויפט פון דער אקאדעמישער יוגנט, זיינען אין איר געווען מוסטערהאפט ארגאניזירט. דעזשורסטוועס אויף די וואקזאלן, באגעגענען די היימלאזע, זארגן פאר זיי אויף די איבערגאנגס-עטאפן, באגלייטן זיי צו זייערע נייע פארשיקונגס-ערטער — דאס אלץ האבן מיטגלידער פון דער עוואקואציע-קאמיסיע אויסגעפירט מיט אומגלויבלעכער איבערגעגעבנקייט און מסירת נפש. מסירת נפש איז אבער דאס שוואכסטע, מיט וואס מען קאן באצייכענען די הויכע מדרגה פון פולשטענדיקן פארגעסן וועגן זיך אין דער ארבעט פאר אנדערע, צו וועלכער ס'האבן דערגרייכט פשוט און ניט ווייסנדיק אפילו וועגן דעם די הונדערטער און הונדערטער אומבאקאנטע יונגעלייט.

מען וואלט געקאנט און אפשר אויך געדארפט אנשרייבן וועגן דעם מגילות, אבער כ'וועל דערמאנען איין עפיזאד.

היימלאזע האבן געשטראמט קיין קיעוו אין די טויזנטער. איינס ביינאכט איז אנגעקומען אויפן וואקזאל א נייע פארטיע פון 400 היימלאזע. אונזער קאמיטעט האט געדארפט אין משך פון 2 שעה אנווייזן דער באן-דירעקציע דעם פונקט, וואוהין זיי זאלן געשיקט ווערן. כ'געדענק ס'איז געשטאנען די פראגע: יעקאטערינאסלאוו אדער כארקאוו. האלב צוויי ביינאכט איז א זיצונג פון פרעזידיום פון „קאפע". צו דער זיצונג זיינען געקומען פון וואקזאל די מיטגלידער פון עוואקואציע-קאמיסיע פרל' רבקה סקאמאראווסקא (איצט פראפעסאר אין מאסקווע), איך און די פרוי פון זייער פאפולערן אין אונזער געגנט ד"ר פליישמאן. דער לעצטער איז געווען מיטגליד פון פרעזידיום פון „קאפע" (וואוינט איצט אין בערלין). נאך דער זיצונג, נאענט צו דריי אזייגער. מיר קלייבן זיך צוריק אויפן וואקזאל, וואו ס'האבן געוואכט א פאר צענדליק מיטארבעטער פון אונזער קאמיסיע. עס רופט מיך אפ אן א זייט ד"ר פליישמאן און בעט מיך ווירקן אויף זיין פרוי זי זאל זיך אפזאגן פון דער וואך אויפן וואקזאל היינטיקע רעשט נאכט. ער גיט צו, אז זי איז קראנק, אויסגעשעפט פון דער ארבעט. היינט פרי האט זי געהאט א הארץ-אטאק. ער באהויפטעט אלס דאקטאר, אז דאס ווערט פאר איר לעבנס-געפערלעך.

און דא איז פארגעקומען פאלגנדער געשפרעך:

מארטא גריגאריעוונא, ווענד איך זיך צו איר, ס'איז ניט נויטיק, אז איר זאלט אויך פארן אויפן וואקזאל. גענוג, אז איך און רעוועקא לוואוונא וועלן זיין.

— מיט אייך האט גערעדט ווארשיינלעך סעמיאן איסאקאוויטש (איר מאן). איך פאר אויפן וואקזאל.

— ריכטיק. ד"ר פליישמאן האט מיר אבער דערציילט וועגן אייער געזונט-צושטאנד. ער איז באאומרואיקט אלס נאענטער מענטש, אבער אויך מיר האבן דאס רעכט צו זארגן פארן געזונט פון אונזער א מיטארבעטערין.

איך האב געמוזט געבן אן ערנווארט, אז נאר פון דעם טעם און ניט מחמת איך טו צוליב ד"ר פליישמאן, פאדער איך פון איר זיך אפצוזאגן פון דער „דעזשורסטווע". און ערשט דאן האט זי מסכים געווען ברענגען דעם דאזיקן קרבן, ד. ה. זי זאל זיך אפרוען א פאר שעה צווישן צענדליקער שעהן נאך אפגעטאנענער און פארשטייענדיקער שווערער ארבעט צווישן די היימלאזע און ארעסטירטע גאליציאנער.

אין יענער—איך וואלט געזאגט—העלדישער צייט איז מקריב זיין מיט זיך געווארן דאס געוויינלעכע, אלטעגלעכע און אפזאגן פון ברענגען זיך פאר א קרבן איז געווען ווי אין דעם פאל פאר דער דערהויבענער מארטא גריגאריעוונא דער גרעסטער קרבן. ווער מער ווער ווייניקער, אבער ניט קיין איינצלנע נאר הונדערטער און הונדערטער פערזאנען האבן געארבעט מיט מסירת נפש. ווען איך וואלט איצט געוואלט צונויפשטעלן א רשימה פון די דאזיקע פערזאנען, וואלטן אייניקע פון זיי זיכער געפילט זיך שטארק קרעמפירט. צוזאמען מיטן נאמען למשל פון ליובאוו גערמאנאוונע דאברי (די פרוי פון באקאנטן מיליאנער אין פאריז) און דער געוועזענער מיליאנערין חיה'לע עסמאן (נאכדעם געארבעט אויף שווערער צוואנגס-ארבעט אין רוסלאנד), וואלט איך געדארפט דערמאנען די נעמען פון אייניקע פון די איצטיקע פירער פון „יעווסעקציע" אין רוסלאנד. איך מיין, אז סיי די ערשטע און סיי די לעצטע וואלטן זיך פילן ניט באקוועם אין אזא שכנות און מיר לאזן דאס איבער.

אייגנטלעך האב איך צוגעזאגט דערמאנען נאר איין עפיזאד פון מיין ארבעט אין יענעם פעריאד און איך וואלט שוין אויף דעם געדארפט ענדיקן מיט יענעם פעריאד. מיר ווילט זיך אבער, זאל זיין אפילו בקיצור, דערמאנען איין מערקווירדיקע נסיעה מיינע אין יענער צייט. זיבעצן טעג האב איך געפירט א ספעציעלן צוג פון 40 לאסט- אדער פי-וואגאנען. דער צוג באוואכט דורך 70 זשאנדארמען האט אנטהאלטן איבער 700 ארעסטירטע גאליציאנער. רבנים, גוטע יידן, אייניקע צענדליק דאקטוירים, אדוואקאטן, אינזשענערן, א 120 קינדערלעך. טיפער הארבסט 1915 מיט שטארקע קאלטע נעכט. געשלעפט זיך איבער א גרויסן שטח פון רוסלאנד און כ'האב ניט געקאנט אויספועלן ביי אייניקע גובערנאטארן קיין מקום-מנוחה אין די גרענעצן פון זייער ממשלה פאר די פארוואגלטע און מיר האבן געוואגלט ווייטער. צוויי טויטפאלן אויפן וועג. איינער א ייד פון גארליץ איז ארונטערגעפאלן אונטערן צוג און האט פארלארן ביידע הענט. דא קומט א פיינלעכער אומדערהערטער און זיכער דער איינציקער פאל. א יידישער ראבינער (א קאזיאנער געוויינלעכן פון קאזאן, גייענדיק מיט מיר צום פאליצמייסטער וועגן בעטן אן ערלויבעניש איבערצולאזן די היימלאזע אין קאזאן, האט גאר געבעטן, נאכדעם ווי דער פאליצמייסטער האט דאס ערלויבט, זיי ניט איבערלאזן דארט, ווארום ס'וועלן פארקומען פאגראמען. דער פאליצמייסטער האט אים נאטירלעך צוליב געטאן און זיי זיינען טאקע פארשיקט געווארן אין טשיסטאפאל א. א., וואו ס'האבן ניט געוואוינט אינגאנצן קיין יידן.

נאך אין פאדערהויז ביים פאליצמייסטער האב איך זיך כמעט ווי געווארפן אויף אים שלאגן. איך האב אויפגעהויבן האלב רוסלאנד קעגן דעם אויסוואורף. קיעווער, מאסקווער, פעטערבורגער קאמיטעטן. איך האב ניט גערוט. באזונדערס האט מיך אונטערשטיצט אין קאמף קעגן אים מיין

עוואַקואַציע-קאָמיסיע ביז מיר האָבן דערפירט צום זיג. ער איז בחרפה אויסגעשלאָסן געוואָרן פון פּעטערבורגער „יעקאָפּאָ" — און איך האָב אויף אַ זיצונג פון „קאָפּע" באַקומען אַ גרויסאַרטיקע אָוואַציע. וועגן דעם ענין איז, דרך-אגב, קאָמאַנדירט געוואָרן קיין קאַזאַן דער ד"ר א. מוקדוני.

איך האָב אָנגעהויבן דערציילן וועגן מיין נסיעה. אומגלויבלעך, ס'וואָלט געקלונגען ווי אַ לעגענדע, ווען איך וואָלט וועלן דאָ שילדערן דעם „קאַמף", וואָס מיר האָבן געהאַט אויסצושטיין קעגן דער גוטהאַרציקייט און אָפּערוויליקייט פון דער יידישער באַפעלקערונג פון די שטעט, דורך וועלכע מיר זיינען דורכגעפאָרן מיט אונזער צוג.

מיר זיינען געווען איבערגעלאָדן מיט כל טוב פאַר אונזערע היימלאָזע און מער ווי מילך, פּוטער און אייער האָבן מיר ניט געקאָנט נעמען. נו, האָט מען אונז געמאַכט סקאַנדאַלן: סטייטש. אויף אַזאַ גרויסער פּאַרטיע היימלאָזע נעמט איר ביי אונז פּראָדוקטן אויף אַ פּאָר „קאַרבוצן" (אויף עטלעכע רובל)! און אַזוי כּסדר. אין כוטאָר מיכאַלאָווסק האָבן מיר אָנגעטראָפן אויף אַ קאָמיטעט, וואָס יעדער מיטגליד האָט געאַרבעט אַ טאָג אין וואָך שוואַרצע אַרבעט אויפן באַן, כּדי צו פאַרדינען אויף די הוצאות, וואָס האָט געפאָדערט דאָס באַגעגענען די היימלאָזע. איך האָב וועגן דעם דערציילט אַן—סקין און מיר דוכט, אַז ער דערמאָנט ערגעץ וועגן דעם.

ווען מיר זיינען געקומען שפּעט ביינאַכט אויף דער סטאַנציע סוכעניטשי, האָבן מיר געטראָפן אויפן פעלד טויזנטער קריסטלעכע היימלאָזע, וועלכע האָבן צוזאַמען מיט די קליינע קינדער געשמאַכט פון הונגער. צוזאַמען מיט אַ גלח, וואָס האָט אונז וועגן דעם געמאָלדן, האָבן מיר אַלע מיט אונזערע אָרעסטירטע גאַליציאַנער זיך צעשפּרייט אויפן פעלד טיילן ברויט. אויף מאָרגן איז אונזער „שפּייז-וואַגאָן" געווען ווידער איבערפולט. דער בערדיטשעווער רב וואָלט געהאַט אַ גוטע געלעגנהייט צו מלמד זכות זיין אויף זיינע יידן.

איך לאָז איבער די מערקווירדיקע צייט פון דער אַרבעט און די ספּעציעל דורך אונז געעפנטע אַרעסט-הייזער פאַר די גאַליציאַנער, וואָס זיינען געווען באַוואוינט פון דעם טשערנאָוויטשער בירגערמייסטער ווייסעלבערגער (נאָכדעם באַקומען דעם טיטל גראַף), ד"ר קאַרל האַלפּערן פון סטאַניסלאַוואָ, רעקטאָר פון לעמבערגער אוניווערסיטעט פּראָפ. דיאַמאַנד ביז דעם אוסלער רב, קאַמינקער רבי און אַ שמש אין אַ פאַרוואָרפן שטעטל און איך גיי איבער צו אַן אויסערסט אינטערעסאַנטן פּעריאָד אין מיין אַרבעט — אין דער אָקופּירטער דורך די רוסן גאַליציע

1915. צו די שווערע זאָרגן פאַר די טויזנטער צעבראָכענע לעבנס און עקסיסטענצן, צו דעם טיפן ווייטאָג, וואָס האָט באַהערשט די יידישע געזעלשאַפט ביים צוזען ווי גרויסע אַלטע יידישע ישובים ווערן אַריבערגעטראָגן אין די וואַגאָנעס און אין די באַראַקן, איז צוגעקומען — גאַליציע.

צוזאַמען מיט די הוראַ-געשרייען אויף די פּאַטריאָטישע מאַניפעסטאַציעס צוליבן נצחון פון „אונזערע" אין גאַליציע האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן באַאומרואיקנדע ידיעות וועגן דעם שווערן קיום, אין וועלכן ס'זיינען אַריינגעפאַלן די איבערגעשראָקענע און דערדריקטע יידישע שטעטלעך אין גאַליציע.

דאָס בילד איז גיך בולט געוואָרן: אָפּטע רויבערייען; ענויים קשים פון די נייע מושלים; צוגעשמידט צו די ערטער אָן קיין מעגלעכקייט פון פאַרדינסט, פּערספּעקטיוון אויף הונגער-טויט.

אַן—סקי האָט באַזוכט גאַליציע און האָט אין אַן ענגן קרייז געשילדערט שוידערלעכע בילדער. ס'האָבן זיך אָנגעהויבן באַקומען באַריכטן פון אַ געהיימען ד"ר יעווסייעוו (וועגן אים ווייטער) מיט באַשרייבונגען פון די שרעקלעכע ענויים. מען מוז העלפן! ווי אַזוי אָבער? דער קאָמיטעט האָט אפילו ניט געקענט אויפהויבן די פראַגע וועגן געבן הילף פאַר אונטערטאַנען פון אַ פיינדלעכער מלוכה. ווי אַ קאָשמאַר האָט דאָס אַלעמען געדריקט און די אומרו איז געוואַקסן מיט יעדער ידיעה, וואָס אַ יידישער דאָקטאָר אָדער אַ באַרימהערציקע שוועסטער פלעגט ברענגען פון גאַליציען פראָנט. וואָס טוט מען? פון יעדער זיצונג פון קאָמיטעט איז מען אַוועק דערדריקטע. קיין עצה. די ישועה איז געקומען אומדערוואַרט און געבראַכט האָט זי די שרעקלעכע טיפוס-עפּידעמיע, וואָס האָט אויסגעבראָכן צווישן דער יידישער באַפעלקערונג.

די אַלרוסישע מיליטעריש-געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציע „זעמסקי-סאָיוז" האָט פאָרגעשטעלט וואו מען דאַרף, אַז דער טיפוס באַדראָט די רוסישע אַרמיי. מען מוז דערנערן די יידישע באַפעלקערונג כּדי אָפּצושטעלן דעם טיפוס. דער דאָזיקער איינפאַל (אונטערגעזאָגט דורך די מוטער פון אונזער קאָמיטעט) האָט אָפּגעראַטעוועט פון טויט טויזנטער משפּחות.

אין די קיכן פון „זעמסאָיוז" אין אַלע אָקופּירטע שטעטלעך פון מזרח-גאַליציע האָט מען אָנגעהויבן איין מאָל אין טאָג אַרויסגעבן עסן פאַר דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג. צו יענער צייט (דערווייל איז אַ שטיק גאַליציע אַריבערגעגאַנגען צוריק צו עסטרייך) איז געקומען פון פראָנט דער דערמאָנטער ד"ר יעווסייעוו און האָט פאָרגעלייגט אַ פּלאַן פון אַרבעט אין גאַליציע.

מען דאַרף אַריינפירן צוויי מיטאַרבעטער פון אונזער קאָמיטעט אַלס באַאַמטע אין „זעמסאָיוז". אויסער דער אָפיציעלער מיסיע פון „זעמסאָיוז" וועט זייער אויפגאַבע זיין זיך „חברן" מיט די פאַרוואַלטערס פון די קיכן און זען ביי זיי אויספּועלן, אַז ביי די קיכן זאָלן געשאַפן ווערן פרייוויליקע יידישע קאָמיטעטן אויף מיטהעלפן מאַקע זיי, די פאַרוואַלטער. די געהיימע שלוחים פון קיעווער קאָמיטעט וועלן קענען איבערגעבן געהיים צו די דאָזיקע פרייוויליקע קאָמיטעטן ביי די קיכן געוויסע סומען אויף שטיצן געהיים די ליידנדע יידישע באַפעלקערונג. אַ ביסל פאַרדרייט; קיין גלייכערן אָבער פון דאָזיקן קרומען פּלאַן האָט מען ניט געקאָנט צוטראַכטן און מען האָט אים באַשטעטיקט.

די צוויי געהיימע שלוחים האָבן געדאַרפט באַזיצן פאַרשיידענע מעלות, כּדי דורכצופירן די דאָזיקע ריזיקאַלישע אַרבעט. אַלס איינעם פון די צוויי האָט דער קאָמיטעט באַשטעטיקט מיך און אַלס דעם צווייטן ש. האָמעלסקי (וואוינט איצט אין פּאַריז). דורך אַ פּראָטעקציע ביי גראַף טשאַרטאָריזשיסקי, ביי די פירער פון „זעמסאָיוז" גאַיאַרין און ליניטשענקאָ (דער לעצטער איז איצט פאָרזיצער פון אוקראַינישן רויטן קרייז אין כאַרקאָוו און איז געווען אַן עדות מצד דער פאַרטיידיקונג אויף דעם שוואַרצבאַרד-פּראָצעס) זיינען מיר אַריין אַלס מיטאַרבעטער פון „סאָיוז" און האָבן זיך אויסגעפּוצט אין אָפיצירישע מלבושים מיט שווערדלעך ביי די זייטן.

מיין אָפיציעלע מיסיע איז געווען צו פאַרטיילן אין נאָמען פון „סאָיוז" וועש, וואָס אונזער קאָמיטעט האָט אויסגעפאַרטיקט אין אַ ריזיקן קוואַנטום, צווישן דער שטאָטישער, ד. ה. אויף 95 פּראָצענט יידישער, באַפעלקערונג. געוויינלעך ניט פאַר רחמנות, חלילה, צו די גאַליציש יידן, נאָר כּדי אָפּצוהיטן די העלדישע רוסישע אַרמיי פון פלעק-טיפוס.

דעם קרומען פּלאַן האָבן מיר, אמת, מיט אומגעהויערע אָנשטרענגונגען און געפאַר פאַרוואַנדלט אין אַ גלייכע זאַך און דער עיקר פון גוואַלדיקער נוצן פאַר דער דאַן צען מאָל אומגליקלעכער גאַליציש יידישער באַפעלקערונג.

אַלץ — ווי ס'איז אָנגעמערקט געוואָרן. איך האָב זיך זייער גוט איינגעחברט מיט די פאַרוואַלטער פון די קיכן. די פאַרוואַלטער אין באַרשטשאָוו און יאַגעלניצע למשל (זייער וואוילע יונגעלייט, נאָר זעלטן געווען אויף די פלעצער צוליב די אָפּטע געבורטסטאָגן ביי די באַרימהערציקע שוועסטער אין די פאַרשיידענע פונקטן) האָבן די גאַנצע זאַך פון אָרגאַניזירן די

קאָמיטעטן איבערגעגעבן און מיט גרויס צופרידנקייט צו מיר אַליין.

אַפילו ביי פּיאַדראַוון, א ווילדן סאַדיסט, א צורר היהודים, וואָס אין כמוהו, איז אַפילו ביי אים האָב איך געפּועלט אַלץ. אַזוי, למשל, האָב איך אויסגעווירקט ביי אים, אַז אין גזשימאַלאָוו זאָל שבת אַרויסגעגעבן ווערן רויע פּראָדוקטן פאַר דער באַפעלקערונג, ווייל פריער האָט ער צוליבן שטאָט, אַז יידן וועלן ניט עסן קיין געקעכטס, בכלל ניט אַרויסגעגעבן שבת קיין עסן און די שטאָט האָט שבת געהונגערט.

דרך אגב, בין איך אין שייכות מיט דער פּראָגע געווען אַן עדות פון א פּיינלעכן פאַל: איך בין געזעסן ביי אים אין צימער (ס'איז געווען פריער אָפּגערעדט), ווען א דעלעגאַציע פון א יידישן גוט-באַזיצער און דעם רב איז געקומען בעטן ביי אים וועגן די פּראָדוקטן און ער, ווי נאָר זיי האָבן געעפנט די טיר, האָט מיט א געשריי „וואָן" זיי פאַרטריבן ווי הינט. איך האָב געמוזט בלייבן „רואיק" און „געמיטלעך" מיט אים ווייטער פאַרברענגען. מיר איז פּיינלעך איצט צו שרייבן וועגן דעם, ווי דאָס איז מיר פּיינלעך יעדן מאָל, ווען איך דערמאָן זיך עס.

געפּועלט האָב איך ביי אים צו מבטל מאַכן די דערמאָנטע גזירה, בעת ער איז געווען אין א זייער גוטער שטימונג, צוליב א קוניציק לעדערנעם ביימשל צום רייטן, וואָס איך האָב אים געבראַכט אַלס מתנה'

דער אופן פון מבטל מאַכן גזירות דורך ווייך-מאַכן דאָס הארץ פון מושל איז אַפילו אַלט און גוט באַקאַנט. איך ווייס ניט ווי מיינע זיידעס האָבן זיך דערביי געפילט. איך האָב זיך ניט געפילט ווי איינער, וואָס ברענגט א ישועה פאַר א שטאָט. און עד-היום קען איך זיך ניט באַפרייען פון פּיינלעכן געפיל פון דערנידערונג, ווען איך דערמאָן זיך וועגן מיין פריינדשאַפט מיט פּיאַדראַוון און אָפּט קען איך זיך דאָס אויך ניט מוחל זיין.

די פאַרוואַלטער פון די קיכן אויף די ערטער האָבן געווירקט אויף די טוער פון קיעווער קאַמיטעט און די לעצטע — אויף די פאַרוואַלטונג פון „סאַיוז", אַז אין די קיכן זאָל מען אויסטיילן די קינדער און פון דעם זיינען צוביסלעך אויסגעוואַקסן א גרויסע צאָל קינדערהיימען. אָפּט, ווי ס'איז געווען דער פאַל אין טשאַרטקאָוו, האָט פאַרוואַלטעט מיט א קינדערהיים פאַר יידישע גאַליצישע קינדער א טאַמבאָווער קריסטין, וואָס האָט קיין וואָרט ניט פאַרשטאַנען וואָס די קינדער האָבן גערעדט. ס'האָבן זיך אָבער אומעטום געמאָלדן אָרטיקע יידישע אינטעליגענטע מיידלעך, וועלכע האָבן געאַרבעט אין די קינדערהיימען פרייוויליק, און אייניקע האָבן מיר אויך געהיים געצאָלט. אויף וויפיל איך געדענק, האָט דער „סאַיוז" נאָר אין איין קינדערהיים באַשטימט א יידישע פאַרוואַלטערין, אָבער גראָד דער פאַל איז געווען ניט געלונגען צוליב דער שלעכטער אויפפירונג פון דער פאַרוואַלטערין.



אונז האָט זיך אויך איינגעגעבן אין גרעסטן טייל ערטער צו געבן הילף פאַר דעם באַזונדערס שווער-ליידנדן טייל פון דער באַפעלקערונג דורך די קאָמיטעטן ביי די קיכן, אויף וואָס מיר האָבן געהיים אָבער רעגלמעסיק איבערגעגעבן געלטער. אָבער דאָס איז אָנגעקומען מיט מוראדיקע אָנשטרענגונגען און אָפּט זיינען מיר געבראַכט געוואָרן צו פאַרצווייפלונג. אין יעדן איינציקן פאַל האָבן זיך געפאָדערט באַזונדערע איינפאַלן און קונצשטיק, ווי אַזוי איבערצוגעבן דעם קאָמיטעט דאָס געלט און דער עיקר ווי צו דערמעגלעכן דעם קאָמיטעט דאָס געלט צו פאַרטיילן און ניט אַנטדעקט צו ווערן. אַזוי, למשל, בין איך אין באַרשטשאָוו אַריין צום סטאַראָסטע און אים פאַרגעלייגט 1.500 רובל אויף פאַרטיילן צווישן די נויטבאַדערפטיקע, וואָס א מעצענאַט אין קיעוו האָט מיר געגעבן אויף דעם צוועק. דער פאַרוואַלטער פון קיך לאַפּשאָוו, וועלכער איז מיט מיר צוליב דעם מיטגעגאַנגען, האָט דרך אגב באַמערקט, אַז דאָס געלט וואָלט מען געקאָנט איבערגעבן צום קאָמיטעט ביי דער קיך. אַזוי האָט ער מאַקע געטאָן און לאַנגע חדשים זיינען געטיילט געוואָרן פיל טויזנטער רובל און ס'האָט אַלץ געהייסן, אַז דער קאָמיטעט טיילט די 1.500 רובל, וואָס ער האָט באַקומען פון סטאַראָסטע, און נאָך און נאָך אַזוינע איינפאַלן. דאָס שווערסטע אָבער איז געווען די גוואַלטיקע געפאַר פון אונזער אַרבעט און די טויט-שרעק ממש, וואָס מיר האָבן אָפּט איבערגעלעבט אין גאַליציע.

דערציילן וועגן דעם אָדער ריידן בכלל וועגן דער גוואַלטיקער אַרבעט אין גאַליציע, הייסט איינגלעך דערציילן מופתים און אומגלויבלעכע מעשיות פון בוכשטעבליכער מסירת-נפש מצד דעם אויבנדערמאָנטן ד"ר יעווסייעוו — ד"ר פרידריך יעווסייעוויטש לאַנדער *) (אונטער זיינע באַריכטן קיין קיעוו פלעגט ער צוליב קאָנספּיראַציע זיך חתמענען מיטן נאָמען יעווסייעוו). ביכער גאַנצע וואָלטן געשריבן געוואָרן און אפשר וואָלט מען אויך דענקמעלער געשטעלט פאַר דעם, וואָס וואָלט פאַר אַנדערע צוועקן אַזוי פיל זיך מוסר נפש געווען ווי דאָס האָט ד"ר לאַנדער געטאָן פאַר דער יידישער באַפעלקערונג אין גאַליציע. אָבער נאָר געציילטע ווייסן וועגן דעם.

*) ווערט דערמאָנט אייניקע מאָל ביי אַנ—סקין אין „חורבן פון פוילן, גאַליציע און בוקאָווינע". ר ע ד.



איך פיל דעריבער פאַר מיין פּערזענלעכן חוב בנוגע צו ד"ר לאַנדער אַלס מיין מדריך און פירער אין דער אַרבעט און אויך פאַר מיין געזעלשאַפטלעכן חוב צו פיקסירן לכל הפחות אויף די געאייגנטע דערצו בלעטער פון דעם פנקס אייניקע פאַקטן פון זיין מאַרטירערשאַפט, וואָס ער האָט פרייוויליק אויף זיך אַרויפגעלייגט.

בשעת דער מלחמה האָט מען אים דערמאָנט, אַז אויסער דעם, וואָס ער איז א יוריסט, איז ער אויך א דאָקטאָר-מעדיצין און מען האָט אים איבערגעשיקט אויפן גאַליצישן פראָנט (פּאַקטיש האָט ער זיך קיינמאָל, דוכט מיר, ניט פאַרנומען מיט זיינע ביידע פּראָפעסיעס און האָט געאַרבעט פאַרן קריג אין פּעטערבורגער „אָפּע").

זייענדיק מיט דער גאַנצער מיליטערישער דיסציפּלין פון מלחמה אויפן פראָנט צוגעשמידט צו זיין שפּיטאָל ביי סקאַלאַ, האָט ער פון דאָרט אויפגעפאָדערט אונזער ווי אויך פּעטערבורגער קאָמיטעטן צו אַרבעט און אַליין, ביז מיר זיינען געקומען זי אויך דורכגעפירט. ניט געטאָרט זיך אָפּרייסן אויף א טריט פון שפּיטאָל, האָט ער דאָך באַוויזן זיך צו פאַרבינדן מיט איינצלנע פּערזאָנען אָדער מיט געהיימע קאָמיטעטן פון צוויי-דריי פּערזאָן אין פאַרשיידענע שטעט און יעדע נאַכט פלעגט ער גיין צופוס אין אַן אַנדער שטאָט, אויפוועקן זיינע פאַרטרויאונגס-לייט, איבערגעבן זיי געלט און אויף מאָרגן זיך שטעלן צו דער אַרבעט. צום ערשטן מאָל, ווען איך בין געווען ביי אים אין שפּיטאָל (ניט אַזאַ פּשוטע זאַך), זיינען מיר געזעסן די גאַנצע נאַכט און אַרומגערעדט דעם פּלאַן פון דער אַרבעט. קעגן פיר פאַרטאָג, ווען מיר האָבן זיך ביידע אָנגעשפּאַרט אויף איין פעלדבעטל, כדי זיך אָפּרוען אויף א פּאָר שעה, האָט ער זיך געוואָלט דערמאָנען, ווען ער איז געשלאָפן ביינאַכט און האָט אָנגעהויבן אויסרעכענען, אַז די נעכטיקע נאַכט איז ער געגאַנגען קיין טשאַרטקאָוו, די פריערדיקע נאַכט איז ער געווען אין באַרשטשאָוו און אַזוי איז אויסגעקומען, אַז שוין זיבן נעכט, אַז ער איז יעדע נאַכט געגאַנגען צופוס אין אַן אַנדער שטאָט. איך ווייס פון א פאַל, ווען ער האָט געמאַכט אַזאַ וואַנדערונג, האָבנדיק גרויס היץ. אָבער די אַלע פיזישע שוועריקייטן פון גיין אום ווינטער נאַכט איין נאַכט אויס, פון שטאָט צו שטאָט, זיינען ממש א קינדער-שפּיל אין פאַרגלייך מיט דער געפאַר, וואָס ס'האָט אים געדראָט מצד דער קאָנטר-ראַזוועדקע (דעפענסיווע). פאַרלאָזן דעם שפּיטאָל אָן אַן ערלויבעניש, קומען ביינאַכט אין א שטאָט, ניט קענענדיק אָנווייזן דעם צוועק, זיין אין פאַרבינדונג מיט דער אָרטיקער באַפעלקערונג, וואָס איז געווען פאַרבאָטן פון דער מיליטער-מאַכט,—

צו א פעלד-געריכט ממש א האָר. מען דאַרף נאָך וויסן וואָס פאַר א ווילדן טעראָר ס'האָט אַנטוויקלט דאַן די קאָנטער-ראַזוועדקע.

איך וועל בקיצור דערציילן די געשיכטע פון איין טאָג אונזערן.

כ'בין געקומען בייטאָג קיין באַרשטשאָוו וועגן רעאָרגאַניזירן דעם קאָמיטעט ביי דער קיך און בין פאַרפאַרן ניט אין „סאָיוז" ווי שטענדיק, נאָר רעקווירט דורכן קאָמענדאַנט א צימער ביי דער זייער אינטעליגענטער סימפּאַטישער פאַמיליע בלומענטאַל (א פעטער פון נחמן מייזיל).

אַרום ניין אָוונט (די ציווילע באַפעלקערונג האָט געמעגט גיין נאָר ביז 7), ווען איך בין געווען אין „סאָיוז", איז געקומען צולויפן אַן א „פּראָפּוסק" א דערשראָקענער, א בלייכער, איינער פון די בלומענטאַלס (ד"ר מ. בלומענטאַל, איצט לערער אין ביאַליסטאָקער יידישער גימנאַזיע) און קוים וואָס ער האָט געקענט אויסריידן, אַז איך מוז גלייך אַנטלויפן, דער נאַטשאַלניק אַליין פון דער קאָנטער-ראַזוועדקע איז געקומען מיך זוכן. דער דאָזיקער נאַטשאַלניק האָט אַנגעוואָרפן אַן אימה אויפן גאַנצן געגנט פאַר דעם קלענסטן פאַרדאַכט — סיביר און אפילו געלד-געריכט. כ'האָב זיך ניט דורכגענומען מיט אַזאַ שרעק, אָבער קיין רואיקע נאַכט האָב איך ניט געהאַט. גאַנץ פרי בין איך געווען אין קאָנטער-ראַזוועדקע, ניט געטראָפן דעם נאַטשאַלניק, אָבער די שעה וואַרטן דאָרט און די גאַנצע אינסטיטוציע בכלל האָט געמאַכט אויף מיר א דערדריקנדן איינדרוק. געקומען צו די האַרציקע בלומענטאַלס האָב איך זיי געטראָפן אַלע פאַרוויינט און דאָס האָבן זיי שוין מיך באַוויינט, ווייל זיי האָבן ניט געגלויבט מיך זען אַרויס פון דאָרט. שוין אין א שעה נאָך מיין קומען האָבן מיר איבערגעלעבט דאָס שוידערלעכסטע, וואָס מען קען זיך פאָרשטעלן. אין שטאָט האָט מען געהאַנגען זיבן מענטשן, צווישן זיי צוויי יונגע אוקראַינישע מיידלעך. מען האָט זיי דורכגעפירט דורך אונזערע פענסטער און זייערע קולות רופן נאָך איצט ביי מיר אַרויס א גרויל. איינע פון די בלומענטאַלס (איצט די פרוי פון יעקב מייזיל) האָט מיר ערשט די טעג געזאָגט, אַז די דאָזיקע עראינערונגען איז געבליבן ביי איר ווי א שווערער קאָשמאַר אויפן גאַנצן לעבן. דער ווייטערדיקער פאַרלויף פון זעלבן טאָג: א פיינלעכע באַגעגעניש מיטן נאַטשאַלניק. ער האָט מיר פאַרגעוואָרפן פיל חטאים פון עובר זיין אויף די פאַרשריפטן פון מעלדן זיך און ריייזע-ערלויבעניש און האָט מיר אָפּגעזאָגט, אַז איך רוף ביי אים אַרויס א פאַרדאַכט (א צוויי שעה נאָך דעם פאַל מיט די 7 געהאַנגענע) און האָט איבערגעגעבן די זאַך צו דער קאָנטער-ראַזוועדקע פון הויפּטשטאַב. און דאָ צום אומגליק האָבן מיר זיך נאָך אויף דעם זעלבן טאָג געטראָפן אין באַרשטשאָוו אין אַן אַכסניה מיט ד"ר לאַנדערן און האָמעלסקין. לאַנדער, וואָס איז אויך דאָס מאָל געקומען אָן אַן ערלויבעניש פון שפּיטאָל, האָט געהאַט א גרונט צו רעכענען, אַז צוליב א דורכפאַל אין קאַראַלזווקע (אויך אַן אינטערעסאַנטער קאַפּיטל) ווערט ער נאָכגעשפּירט. ער איז געקומען פול מיט שרעק און איז אינגאַנצן אויפגעציטערט געוואָרן, אַז איך האָב אים דערציילט, אַז אויך איך בין אונטערגעפאַלן אונטער א פאַרדאַכט. מיר האָבן אָבער געמוזט בלייבן, ווייל מיר האָבן געדאַרפט באַהאַנדלען א וויכטיקע פראַגע וועגן א מחלוקת (אויך ביי אַזוינע אומשטענדן זיינען געווען מחלוקות) אין א קאָמיטעט ביי א קיך, וואָס האָט אונז געקענט ברענגען גרויסע צרות. אינמיטן האָבן מיר באַמערקט פון פענסטער פאַרדעכטיקע פערזאָנען און נאָכדעם ווי מיר האָבן בנסי נסים זיך אַרויסגערוקט דורך אַן אונטערשטער טיר, זיינען טאַקע אָנגעקומען געהיים-אַגענטן אין שטוב.

איך האָב זיך אָפּגעשטעלט גענויער אויף דעם פאַרלויף פון איין טאָג, כדי קלאָר צו מאַכן א ביסל די אַטמאָספער, אין וועלכער מיר האָבן געאַרבעט און באַזונדערס דער ד"ר לאַנדער.

איך וואָלט געקאָנט דערציילן צענדליקער ממש אומגלויבלעכע מעשיות וועגן דעם דאָזיקן וואונדערבאַרן מענטשן, איך וויל נאָר צוגעבן, אַז ווען ער איז אַוועקגעפאָרן, ריכטיקער אַוועקגעגאַנגען, איבער די שטעט, כדי צו אָרגאַניזירן די פאַר-פּסח-הילף אויף א פיר טעג, האָט דער הויפּט-דאָקטאָר פון זיין שפּיטאָל (א ייד) דערלאַנגט צו דער העכערער מאַכט א ראַפּאָרט, אַז דער ד"ר לאַנדער האָט דעזערטירט...

אויף א זיצונג מיטן קאָמיטעט אין טאַרנאָפּאָל טאַקע אין די טעג פון זיין „דעזערציע" האָט דער אַלטער אָנגעזעענער ד"ר שוואַרץ אָנגעהויבן ריידן וועגן ד"ר לאַנדערס אַרבעט און האָט זיך צעוויינט. און ר' דוד לבוב א גרויסער למדן, די רעכטע האַנט פון אַלטן טשאָרטקאָווער, האָט געזאָגט מיט א ציטער אין קול, אַז ער קען זיך געווינטשן ניט ווינטשן זיצן אין גן-עדן לעבן דעם ד"ר לאַנדער. ער וואָלט, זיך אָבער געוואונטשן לכל-הפּחות זען דעם אָרט, אויף וועלכן דער הייליקער ד"ר וועט זיצן. דער הייליקער דאָקטאָר, אַזוי האָט ער אין גאַליציע געהייסן. פאַר זיינע צרות האָט ער אויך דערלעבט א שטיקעלע נחת. נאָך דער רעוואָלוציע האָט דער הויפּט-שטאַב אים פאָרגעשלאָגן אַן אוואַנסמענט און ער איז פראַנק און פריי אַרומגעפאָרן פון איין שטאָט אין דער צווייטער, ער האָט אפילו צונויפגערופן קיין טאַרנאָפּאָל א צוזאַמענפאָר פון אַלע קאָמיטעטן.

מיט דער זעלבער באַשיידנקייט, וואָס ער האָט אויסגעפירט זיין העלדישע שליחות אין גאַליציע, האָט ד"ר לאַנדער נאָכדעם אָנגעפירט זיין אַרבעט אין קיעוו פאַר די פּאָגראָם-געליטענע און די לעצטע ידיעות האָב איך געהאַט פון אים בשעת ער האָט געאַרבעט מיט ד"ר ב. באָגען לערך אין יאָר 1922 ביים אָרגאַניזירן קינדער-הילף.

זאָל מיר דער ליבער ד"ר לאַנדער, אויב מיינע שורות וועלן צו אים דערגרייכן, מוחל זיין, וואָס איך האָב אַרויסגעצויגן זיין נאָמען פון זיין באַליבטער באַהעלטעניש. איך האָב געפילט, אַז מיין פערזענלעכער און געזעלשאַפטלעכער חוב איז דאָס צו טאָן.

נאָך דער אַרבעט אין גאַליציע, פון זומער 1916 בין איך געווען באַפולמעכטיקטער פון „קאָפּע" אויף וואָלין און דערהויפּט אין לוצקער געגנט, וואו כ'האָב מערסטנטייל געוואוינט. דאָרט האָבן זיך קאָנצענטרירט א גרויסע צאָל היימלאָזע, אַנטלאָפענע פון פראָנט און מיר איז אויסגעקומען צו אַנטוויקלען א פאַרצווייגטע אַרבעט ווי עפענען קינדערהיימען, שולן, אַמבולאַטאָריעס א. אַז. וו. אין 1917 און א טייל 1918 בין איך איינצייטיק מיט מיין אַרבעט אין לוצקער געגנט געווען אין זשיטאָמיר דער פאַרטרעטער פון אַלע יידישע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, וואָס האָבן געאַרבעט פאַר די היימלאָזע, ווי „קאָפּע", „אָרט", „אָזע", אין דעם מלוכהשן גובערניאַלן ראַט פאַר די היימלאָזע. אין דעם דאָזיקן ראַט („גובערנסקאָיע סאָוועשטשאַניע א בעזשענצאַך") בין איך אויסגעוויילט געוואָרן אַלס מיטגליד פון פּרעזידיום און מיר איז אויסגעקומען אָנטייל צו נעמען אין דער אַלגעמיינער אַרבעט פאַר די היימלאָזע אויף וואָלין און ניט נאָר פאַר די יידישע. אינמיטן זומער 1917 בין איך אויסגעוויילט געוואָרן אַלס פאַרטרעטער פון די באַפולמעכטיקטע אין פּרעזידיום פון „קאָפּע".

סוף 1918, ווען ס'האָבן זיך אָנגעהויבן די פּאָגראָמען אויף אוקראַינע און ס'איז אַנטשטאַנען דער קאָמיטעט צו העלפן די פּאָגראָם-געליטענע, בין איך אויסגעוויילט געוואָרן אַלס מיטגליד פון פּרעזידיום. כ'האָב אויך אָנגעפירט א גרויסע אַרבעט אין נאָמען פון קאָמיטעט אין זשיטאָמיר, וואָס האָט ספּעציעל שווער געליטן פון די פּאָגראָמען מיט די פיל הונדערטער געהרגטע. אין 1919 האָב איך אָנגעהויבן אַרבעטן אין אָפּטיילונג פון רויטן-קרייץ פאַר די מלחמה-געליטענע, בראָש פון וועלכן ס'האָט זיך געשטעלט פּראָפ. חפץ און ס'האָבן מיטגע-

אַרבעט אויך אינזש. פּרענקעל פון „אָרט״ און ד״ר ראָזענטאַל (אָנמאַן).

אין נאָמען פון רויטן-קרייץ האָב איך אַנטוויקלט אַ גרויסע אַרבעט אויף שפּיצן די פּאָגראָם-געליטענע און אויף דער דריטער וואָך פון מיין צוטרעטן צו דער אַרבעט אין זשיטאָמיר האָבן שוין גוט פונקציאָנירט אַ ריי קיכן, יתומים- און קינדער-הייזער, אין וועלכע ס׳האָבן געאַרבעט אָנגעשטעלטע אַליין ביי 100 מענטשן. דער „נאַרקאָמסאָבעז״ (מיניסטער פאַר געזעלשאַפטלעכער שוץ) זובקאָוו האָט זיך אַזוי אַנטציקט מיט דער אַרבעט, אַז מיט גרויס מי האָב איך זיך אָפּגעבעטן פון מאָביליזירט צו ווערן פאַר אַרבעט אין „סאָבעז״ (אין רויטן-קרייץ איז ניט געווען אַזאַ ביוראָקראַטיזם און ס׳איז געווען אַ היימישע סביבה). צווישן די אָנגעווייזענע צייטן באַהאַלט זיך דער ווינטער 1918—1919, וועלכן די וויסטסטע דורות וועלן דערמאָנען מיט שוידער.

ניט קענענדיק זיך אָפּשטעלן גענוי, וויל איך נאָך דערמאָנען, אַז די אַרבעט פון אונזערע באַפּולמעכטיקטע איז געווען פאַרבונדן מיט דער שרעקלעכסטער געפאַר. איינער אַ באַפּולמעכטיקטער פון רויטן-קרייץ אַקסעלראָד מיט זיין געהילף, אַ קיעווער סטודענט (מיך קרענקט, וואָס איך קען זיך ניט דערמאָנען זיין נאָמען) זיינען געהרגעט געוואָרן אין קאָרעסטין אויפן וואָקזאַל דורך די אוקראַאינער „פּאָווסטאַנצעס״.

ד״ר י. רובין, דרך אגב, וואָס איז דעם ווינטער געפאָרן פון „אָזע״ איז אַ באַרויבטער, אַ צושלאָגענער קוים אַרויס מיטן לעבן. ווען איך בין געפאָרן פון רויטן-קרייץ קיין זשיטאָמיר, האָט כמעט קיין איין ייד ניט געוואָגט זיך זעצן אין צוג. און ווירקלעך איז אונזער צוג פאַר דער סטאַנציע טשערניכאָוו געוואָרן אַרומגערינגלט דורך די „פּאָווסטאַנצעס״ און נאָר דאָס אָנקומען באַצייטנס פון די רויטע אַרמייער האָט אונז געראַטעוועט.

ווען איך בין אַריין אין שטעטל טשערניכאָוו, געווען איז דאָס צווישן 13-טן און 14-טן פּאָגראָם (געווען זיינען דאָרט דוכט מיר 17 פּאָגראָמען)—זיינען נאָך די הרוגים געלעגן אין גאַס.

זאָל דאָ דערמאָנט ווערן: פאַר מיין פאָרן קיין זשיטאָמיר האָב איך צופעליק אונטערגעהערט דעם ענטפער פון מיין מוטער צו מיין פאָטער, וועלכער האָט מיך ניט געלאָזט פאָרן אין אַזאַ סכנה, אַז „יענע יתומים פון די פּאָגראָמען, וועלכע ער (ד. ה. איך) פאָרט ראַטעווען, האָבן אויך געהאַט טאַטעס און מאַמעס, ביי וועלכע זיי זיינען געווען טייער און מיר טאָרן זיך איצט ניט זאָרגן נאָר פאַר אונזער קינד״. (צענדליקער זייטן וואָלט איך באַדאַרפט באַשרייבן, כדי צו שילדער מקצת מן המקצת די וואונדערבאַרע פּערזאָן פון מיין מוטער ז״ל *).

איצט צוריק צו די דאַטן. אָנהויב ווינטער 1919 בין איך בראש פון אַ הילף-עקספּעדיציע געפאָרן קיין נאָוואָגראַד—וואָלינסק (זוויהיל), וואו ס׳איז פאָרגעקומען אַ שרעקלעכער פּאָגראָם מיט 700 הרוגים און דער גרעסטער טייל שטאָט איז אונטערגעצונדן געוואָרן. געווען דאָרט אַ שטאַרקער הונגער און טיפוס. איך האָב געעפנט אַ גרויסן שפּיטאָל אונטער דער אָנפירונג פון דעם אויסגעצייכנטן מענטש און דאָקטאָר וו. אָסטראָווסקי (איצט אַ פּאָפּולערער דאָקטאָר אין וואַרשע). געעפנט צוויי יתומים-הייזער און קינדער-היימען.

אין אַ זעקס וואָכן נאָך מיין קומען איז די שטאָט פאַרנומען געוואָרן דורך דער פוילישער אַרמיי. איך בין געבליבן מיט די אַלע אַנשטאַלטן און מיט אַ באַרג גלייך אַנטוווערטעטע „קערענקעס״. דער קאָמענדאַנט פון שטאָט האָט אַרויסגעגעבן אַן ערלויבעניש צו פאָרן קיין וואַרשע פאַר מיר און פאַר אַ קריסטלעכן דאָקטאָר, מיטגליד פון מיין עקספּעדיציע, אויף משתדל זיין זיך פאַר די אַנשטאַלטן און בכלל פאַר דער שטאָט. זיינע השתדלותן אין פאַרשיידענע אינסטיטוציעס האָבן גאָר ניט געהאָלפן, דערפאַר אָבער האָב איך מיטן ערשטן וואָרט געפועלט אַלץ און נאָך מער, ווי כ׳האָב אַפילו געחלומט, ביי ד״ר ב. באָגען פון „דזשוינט״.

דאַן האָב איך כמעט צום ערשטן מאָל געהערט דעם נייעם פאַר מיר נאָמען. איך האָב גלייך מיטגעבראַכט מיט זיך אַ קאָלאָסאַלן טראַנספּאָרט פון מעדיקאַמענטן, וואָס צו יענער צייט האָט מען אין אַ גאַנצער רוסישער גובערניע זיכער ניט געקאָנט געפינען. די אַרבעט פון „דזשוינט״ פאַר זוויהיל איז געווען אַ גוואַלדיקע. דער דזשוינט האָט די שטאָט געראַטעוועט.

ד״ר באָגען האָט מיר דאַן פאָרגעשלאָגן אַרבעטן אין „דזשוינט״. איך האָב אָבער זיך געוואַקלט צוליב געוויסע טעמים און ערשט מיטן אָנקומען, אָנהויב זומער 1920, פון ה׳ א. שאַהאַן האָב איך אָנגעהויבן אַרבעטן אין דזשוינט.

צוזאַמען מיט א. ווערטהיים (איצטיקער מיטאַרבעטער פון דזשוינט, מיין שוואָגער, געאַרבעט מיט אים צוזאַמען אין קאַפּע, רויטן-קרייץ און דזשוינט) האָבן מיר אָרגאַניזירט די הילף אין אַ שטיק וואָלין און פּאָדאָליע, וואָס זיינען געווען פאַרנומען דורך דער פוילישער אַרמיי. די אַרבעט לויט איר פאַרנעם איז געווען אַ גראַנדיעזע.

אין יוני 1920 האָבן די פוילישע טיילן פאַרלאָזט ראָוונע, וואו איך בין דאַן געווען. געבליבן בין איך אָפּצוהיטן די געגרינדעטע אַנשטאַלטן מיט אַ גרויסער סומע געלט, אויף פאַרוואַלטן מיט וועלכע ס׳איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ געהיימער קאָמיטעט.

באַלד ביים אָנקומען פון דער רויטער אַרמיי בין איך צוליב אַ מסירה, אַז דאָס געלט איז באַשטימט קעגן די סאָוועטן, אַרעסטירט געוואָרן און אָפּגעמשפּט געוואָרן צום טויט. דער משפּט האָט געדאַרפט, ווי עס איז מיר געמאָלדן געוואָרן, אויסגעפירט ווערן אין דריי שעה אַרום. לאַנג צו דערציילן, בקיצור אָבער — איך בין באַפרייט געוואָרן און אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין קיעוו. אין ווינטער 1920 האָב איך איבערגענומען צו אָרגאַניזירן ביים „נאַרקאָמסאָבעז״ אין מאָסקווע הילף פאַר די פּאָגראָם-געליטענע. מיט מיר האָט אָנגעהויבן אַרבעטן נ. שטיף (בעל-דמיון, איצט פּראָפעסאָר אין קיעוו). ס׳האָבן אויך געזאָלט אָנהויבן אַרבעטן יעקב לעשטשינסקי, מאָדעל און פיינלייב פון פּעטערבורגער „יעקאָפּאָ״. ס׳האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז ביי די באַדינגונגען, וואָס האָבן דאַן געהערשט, האָט זיך די אַרבעט ניט אַנטוויקלט און איך ווי אויך שטיף האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון דער אַרבעט. אָנהויב 1921 בין איך געקומען ווידער קיין פוילן און באַלד באַקומען די איינלאַדונג פון שאַהאַנען ווידער אָנהויבן אַרבעטן אין „דזשוינט״. מיר איז איבערגעגעבן געוואָרן צו אָרגאַניזירן די וואַרשעווער אָפּטיילונג פאַר הילף די היימלאָזע און גלייכצייטיק האָב איך, צוערשט מיט ה׳ שאַהאַן און נאָכדעם מיט ה׳ יעקב (זשאַק) שווייצער, אַ ברודער פון דוד שווייצער, אָנגעפירט די אַרבעט פון דער וואַרשעווער צענטראַלע פאַר די היימלאָזע. אין דערזעלבער אָפּטיילונג, אין פאַרשיידענע געגנטן, האָבן אויך געאַרבעט אַדוו. מ. זאַקאַן, ווערטהיים, פּעפּערמאַן, קאַלקער, י. ווערניק. בראש פון דער היימלאָזע-אָפּטיילונג פאַר אייראָפּע איז געשטאַנען ד״ר בערנאַרד כהן און אַדאַנק זיין לאַנגיעריקער דערפאַרונג און חוש פאַר געזעלשאַפטלעכער אַר-

---

*) איך וועל אָבער דערמאָנען נאָר איין פאַקט: בעת אַן אונטערזוכונג דורך דער באָלשעוויסטישער מאַכט ביי אַ שכן האָט מען ביי אונז על פי צופאַל אָנגעטראָפן און רעקווירירט דעם גאַנצן זילבער און גאָלד, ירושה פון פיל דורות פון אַ גרויסער ווערט. איך בין געקומען אַהיים פון וועג און געטראָפן מיין מוטער אַבסאָלוט רואיק. אַז איך האָב געפרעגט פאַרוואונדערט צי ס׳אַרט זי גאָרניט דאָס אָנווערן די ירושה-זאַכן פון טשערנאָבילער און סאַוראַנער זיידעס, האָט זי מיר געענטפערט, אַז זי זעט אין דעם אַ חסד פון רבש״ע, וואָס מען האָט דאָס ביי איר צוגענומען און זי ניט געשטעלט ביים נסיון, וועלכן זי וואָלט אפשר ניט אויסגעהאַלטן, אַז ווען קינדער שטאַרבן פון הונגער זאָל זי האָבן אַ פאַרמעגן און ניט פאַרקויפן דאָס כדי זיי צו ראַטעווען. איך וואָלט זיך פאַרזינדיקט פאַר גאָט און ער האָט מיר אויסגעהיט פון דעם חטא.

בעס איז די אָפּטיילונג געשטאַנען אויף א הויכן אידעאישן און געזעלשאַפטלעכן ניוואָ.

כדאַי צו דערמאָנען די גרויסע אַרבעטן אויסער דער געוויינלעכער אַרבעט פאַר די היימלאָזע. דאָס איז די אומגעהויער גרויסע אַרבעט פאַר די רעפּאַטריאַנטן, די אַרבעט פאַר די קינדער אין בריסק און די גרויסע בוי-אַרבעט פאַר די רעפּאַטריאַנטן אין זעלבן בריסק, וואו אויסער א ריי הייזער פאַר געזעלשאַפטלעכע צוועקן זיינען אויסגעבויט געוואָרן איבער 400 וואוינונגען. איך דערמאָן זיך מיט דער טיפסטער צופרידנקייט וועגן מיין אַקטיוון אָנטייל אין די דאָזיקע גרויסע אַרבעטן.

נאָך א הפסקה פון לערך צוויי יאָר, ווען איך האָב פאַרוואַלטעט מיטן פאַרלאַג „קולטור-ליגע" אין וואַרשע, בין איך אין אָנהויב 1926 ווידער איינגעלאַדן געוואָרן דורכן דירעקטאָר פון „דזשוינט" אין אייראָפּע ד"ר בערנאַרד כהן אויף אָנפירן מיט דער באַנייטער טעטיקייט פון „דזשוינט" אין פוילן, וועלכע איך פיר אויך אָן ביז אויף היינטיקן טאָג.

מיין אַרבעט אין דעם איצטיקן פעריאָד, ווען ס'איז געשאַפן געוואָרן די גרויסע נעץ פון 600 גמילות-חסדים-קאַסעס, וואָס האָבן אַזוי ברייט זיך אַנטוויקלט, איז שוין אָבער ניט קיין געשיכטע, נאָר צאַפּלדיקע געגנוואַרט און וועגן דעם וועלן די לעזער זיכער געפינען אין אַנדערע ערטער פון פנקס.

מיט דעם האָב איך אייגנטלעך געענדיקט. איך האָב אָבער צוליב מאַנגל אין פּלאַץ געמוזט דורכלאָזן פיל וויכטיקע מאָמענטן פון א געוויסן היסטאָרישן ווערט. איך האָב ניט דערמאָנט, למשל, וועגן א וויכטיקער זיצונג וועגן די פּאָגראָמען מיטן מיניסטער פאַר יידישע ענינים אין אוקראַינע רעוואָוצקין, אויף וועלכער ס'האָבן אָנטייל גענומען די, וועלכע האָבן די פּאָגראָמען אָרגאַניזירט, און טאַקע כמעט ווי מודה געווען זיך אין דעם (ז. אין בוך פון רעוואָוצקין, אין זאַמל-בוך פון משעריקאָווער און אין בוך וועגן די פּאָגראָמען פון פּראָפּ. חפץ). איך האָב זיך ניט אָפּגעשטעלט, למשל, אויף א וויכטיקער זיצונג אין וואַרשע אין יאָר 1918 בשעת דער דייטשער אָקופּאַציע, וואוהין איך בין געווען דעלעגירט פון אונזער קאָמיטעט (געפאָרן, דרך אגב, מיט דער פור פון זשיטאָמיר ביז בראָדי) וועגן דער פראַגע צו נאָרמאַליזירן דעם צוריקקער פון די היימלאָזע. אויף דעם שוואַרצבאָרד-פּראָצעס, אויף וועלכן כ'בין אַרויסגערופן אַלס עדות און נאָך און נאָך.

איך האָף, אַז ווען ביי גוטע באַדינגונגען וועט אַרויסגעגעבן ווערן א צווייטער באַנד פון פנקס, וועל איך זיך באַמיען ממלא זיין די בלויזן.

(אויטאָביאָגר.)

**וויגאָדסקי** יעקב, ד"ר. איך בין געבאָרן געוואָרן אין יאָר 1856 אין א מיטל-סוחריש-חסידישער משפחה אין באָברויסק. ביז 14 יאָר אויפגעהאָדעוועט זיך אין א טיף-רעליגיעזער סביבה פון ליובאַוויטשער חסידים. איך בין געווען דער עלטסטער פון מיינע זיבן ברידער. געלערנט אין חדר, אַרויסווייזנדיק „גרויסע" פעאיקייטן. פון צוועלפטן יאָר אָן געשמט פאַר אן עלוי.

ווען איך בין אַלט געווען צען יאָר איז מיין פאָטער ע"ה אַריבערגעפאָרן קיין ווילנע, וואו ער האָט זיך באַשעפטיקט מיט ליפערונגען פאַרן רוסישן מיליטער (קאָזאַקן); פון דאַן אָן פלעגט ער צו אונז אין באָברויסק קומען נאָר פון צייט צו צייט; זיין שטענדיקער וואוינאָרט איז געווען אין ווילנע. מיין מוטער ע"ה, זייער א פעאיקע, קלוגע און ענערגישע פרוי, האָט צו דער צייט געמוזט אַליין אויך שטאַרק צואַרבעטן, כדי צו קענען מפרנס זיין אונזער גרויסע משפחה.



ביז 10 יאָר בין איך געווען דער גרעסטער שטיפער אין שטאָט, פאַר וועמען קיין מעשה איז ניט געווען צו קליין. פון דאַן אָן אָבער בין איך אַרונטערגעפאַלן אונטער דער אויסערגעוויינלעכער השפעה פון מיין נייעם רבין, אברהם בער ירמיהוס, א געניאַלן תלמודיסט און א בקי אין קבלה, וועלכער איז געווען בלב ונפש איבערגעגעבן דער שיטה פון „דעם ליובאַוויטשער רבין". אברהם-בער איז געווען א נזיר אין פולן זין פון וואָרט; ער איז געווען אינגאַנצן אויסגעטאָן פון דער וועלט מיט אירע הבלי-הבלים און אינגאַנצן אַריינגעטאָן אין דער תורה און קבלה. אין די ביידע וועלטן האָט מיך אברהם-בער טיף און ברייט אַריינגעצויגן... ער האָט מיך געמאַכט פאַר אן עלוי, ער האָט מיך אָפּגעריסן פון דער וועלט און געמאַכט פאַר א בעל-חלומות פון חסידיש-קבלהדיקן שניט. ער האָט אָבער אין מיר אַזוי טיף פאַרפלאַנצט די יידישקייט, אַז קיין שטורעם און קיין „סטרא אחרה" האָט די נאָכדעם ניט געקענט אינגאַנצן בייקומען...

ווען איך בין אַלט געווען עלף יאָר, האָט מיין פאָטער, וועלכער איז דאַן געשטאַנען אונטער דער השפעה פון השכלה, אָנגעהויבן צושיקן מיר השכלה-ביכער מכל המינים. דאָס האָט געהאַט א געוואַלטיקע השפעה אויף מיין גאַנצער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג. איך האָב זיך אויסגעלערנט א ביסל דייטש פון משה מענדעלסאָנס חומש מיט דעם תרגום אשכנזי. ווייטער האָב איך זיך אַליין אָדער כמעט אַליין אויסגעלערנט רוסיש. ניט קיין פולע פערצן יאָר אַלט, האָב איך דערקלערט, אַז איך וויל אַנקומען אין גימנאַזיע. נאָך קנאַפּע אַנדערט-האַלבן יאָר צוגרייטן זיך האָב איך אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען צום פינפטן קלאַס קלאַסישע גימנאַזיע אין מאַריאַמפּאָל (סובאַלקער גוב.).

אין דעם משך פון די 4 יאָר, וועלכע איך האָב זיך געלערנט אין גימנאַזיע, בין איך געווען די גאַנצע צייט דער ערשטער תלמיד און האָב באַקומען ביים פאַרענדיקן די גימנאַזיע דעם איינציקן מעדאַל, וועלכע די גימנאַזיע האָט דאַן אַרויסגעגעבן.

אין גימנאַזיע האָב איך אַרויסגעוויזן, ווי די לערער האָבן געזאָגט, גרויסע פעאיקייטן צו מאַטעמאַטיק און ליטעראַטור, דער עיקר צו מאַטעמאַטיק.

ניט קוקנדיק אויף מיין ליבע צו מאַטעמאַטיק און אויף דעם, וואָס דער פּעדאַגאָגישער ראַט האָט מיך, ניט פרעגנדיק אַפילו, פאַרשריבן אויף דעם מאַטעמאַטישן פאַקולטעט (אָפּט. ריינע מאַטעמאַטיק), האָב איך סוף-כל-סוף געמוזט לאָזן זיך איבערדריידן פון מיינע חברים און פריינד, וועלכע האָבן מיר אויפגעוויזן אויף דער דאַמאָלסטיקער געדריקטער לאַגע פון מיינע עלטערן און אויף דער ניט דערלאַזבאַרקייט „צו הענגען ביי זיי אייביק אויפן האַלדז"!.. איך בין אָנגעקומען אין דער קייזערלעכער (פריער מעדיציניש-כירורגישער, דערנאָך מיליטער-מעדיצינישער) אַקאַדעמיע אין פּעטערבורג, וועלכע איך האָב פאַרענדיקט אין יאָר 1882.

אַלס סטודענט, בין איך דעם ערשטן יאָר געווען אַריינגעפאַלן אין א שטאַרק קאָנספּיראַטיווע רעוואָלוציאָנערע רוסישע חברה. פון צווייטן יאָר אָן, האָב איך זיך, וואָס ווייטער, אַלץ מער אָנגעהויבן צו דערווייטערן פון דער פּאָליטיק און אַריינציען זיך אַלץ טיפער אין דער וויסנשאַפט.

שרייבן האָב איך אין דער סטודענטן-צייט זייער ווייניק געשריבן. אויב אין גימנאַזיע האָב איך נאָך אַמאָל געשריבן העברעאיש, איז אין דער הויכשול מיין גאַנצער שרייבן געווען רוסיש. עס איז כדאַי צו באַמערקן, אַז דער איינציקער לשון, אין וועלכן איך האָב געשריבן שירים, איז געווען העברעאיש. מיין ערשטן שיר, א לאַנגן פּאַטריאָטיש-יידישן שיר, האָב איך אָנגע-

שריבן אין העברעאיש. איך האב געקענט דאן אלט זיין ביי צען יאר.

נאכן פארענדיקן די אקאדעמיע בין איך די צווייטע העלפט פון יאר 1882 און די ערשטע העלפט פון 1883 פארבליבן אין פעטערבורג, וואו איך האב געארבעט אין דער גינעקאלאגישער קליניק (פראפעסאר הארוויץ) און אין דער אינערלעכער (פראפעסאר אייכוואלד). נאכדעם בין איך אוועקגעפארן קיין אויסלאנד, וואו די מעדיצינישע וויסנשאפט איז דאמאלסט געשטאנען העכער, ווי אין רוסלאנד. איך האב זיך דער עיקר אין ווין פארפולקומט און ספעציאליזירט. אין יאר 1884 האב איך זיך באזעצט אלס גינעקאלאג (פון אנהויב אויך אלס קינדער-ארצט) אין ווילנע. איך בין געווען, דוכט זיך, דער ערשטער דאקטאר אין ווילנע, וועלכער האט ארויסגעהאנגען א שילד, אז ער נעמט אן נאר ספעציעלע קראנקע.

ביסלעכווייז האט זיך ביי מיר אין משך פון עטלעכע יאר אנטוויקלט א זייער גרויסע פראקטיק.

איך האב אין משך פון מיין לאנגער ארבעט אין ווילנע פארעפנטלעכט איבער הונדערט מיטעלע און קלענערע וויסנשאפטלעכע ארבעטן אין רוסיש, דייטש און פויליש. דער עיקר אין די פראטאקאלן פון דער אימפעראטארישער ווילנער מעדיצינישער געזעלשאפט, אין „זשורנאל אקושערסטווא אי זשענסקיך באלעזניי", „צענטראל-בלאט פיר גינעקאלאגי", „גאזעטא לעקארסקא" א. א.

איך האב שוין אין די ניינציקער יארן אנגעהויבן, הגם ניט אפט, צו שרייבן פובליציסטישע ארטיקלען אין רוסיש. צו א סיסטעמאטישער און ברייטער פובליציסטישער ארבעט בין איך אריבערגעגאנגען ערשט פון אנהויב צוואנציקסטן יארהונדערט. געשריבן האב איך רוסיש, דער עיקר אין די „פראגרעסיווע" ווילנער רוסישע צייטונגען. יידיש האב איך אנגעהויבן שרייבן אין א דייטשער תפיסה בשעת דער וועלט-מלחמה אין יאר 1917. פון דאן אן האב איך געשריבן כמעט אויסשליסלעך יידיש. דער עיקר אינהאלט פון מיין פובליציסטישן שרייבן, ווי אגב פון מיין פאליטישער גאנצער ארבעט איז געווען דער קאמף פאר רעכט פון די אונטערדריקטע. דער עיקר אבער — פאר יידישע רעכט.

איך האב אין משך פון מיין גאנצער ארבעט אין ווילנע, ניט קוקנדיק אויף מיין ריזיקער פראקטיק, שטענדיק פארפאלגט מיין פאך-ליטעראטור אין דייטש, פראנצויזיש און רוסיש. איך האב דערביי פארפולקומט מיין בילדונג מיטן ערנסטן שטודיום פון די עקאנאמישע און יורידישע וויסנשאפטן.

איך האב אויך אונטערגענומען נסיעות אין דייטשלאנד און פראנקרייך מערערע מאל, כדי אונטערצולערנען זיך אין די בעסטע אייראפעאישע קליניקעס *).

סוף אכציקער אדער גאר אנהויב ניינציקער יארן בין איך אריינגעטראטן אין דער ציוניסטישער פארטיי. אין די אלגעמיין-פאליטישע, ווי געזעלשאפטלעכע פראגן בין איך שטענדיק געווען א לינקער.

איך האב שוין פון די ערשטע יארן פון מיין וואוינען אין ווילנע זיך באשעפטיקט מיט יידישע כלל-ענינים, זייענדיק אן אקטיווער מיטגליד פון די אלע צענטראלע יידישע ארגאניזאציעס, וועלכע האבן מיט זיך פארגעשטעלט א סוראגאט פון א יידישער קהילה. מיין השפעה אין די אלע ארגאניזאציעס איז געווען א באדייטנדע, דער עיקר אין די פאליטישע פראגן, ארטיקע ווי אלגעמיינע.

דער קאמף פאר יידישע רעכט איז אויך דא געווען דער יסוד פון מיין גאנצער ארבעט.

נאך צען יאר בערך פון מיין מיטארבעט אין דער ציוניסטישער ארגאניזאציע אין ווילנע, בין איך ארויסגעטראטן פון איר „צוליב ניט קענען פאראייניקן מיינע (דעמאלטיקע) עקאנאמישע אנשויאונגען מיט דעם פאליטישן ציוניזם"...

איך מוז אבער זאגן, אז ניט קוקנדיק אויף דעם בין איך די גאנצע צייט געשטאנען זייער נאענט און קיינמאל ניט פיינדלעך צום ציוניזם. אין יאר 1918 לפי ערך בין איך ווידער אריינגעטראטן אין דער ציוניסטישער ארגאניזאציע, וואו איך שטיי בראש אין ווילנע ביז אויף היינטיקן טאג.

אין אנהויב פון דער ערשטער רוסישער רעוואלוציע (1905) האב איך אינאיינעם מיט די ברידער ראם (ד"ר גרשון און אליהו) געגרינדעט אין ווילנע אן אפטיילונג פון דער רוסישער קאדעטישער פארטיי פאר ווילנער געגנט. זי איז די גאנצע צייט פון איר קיום געבליבן נאר א יידישע ק. ד.-פארטיי, ווייל די ניט-יידישע נאציאנאליטעטן האבן זיך אפגעזאגט אהיינצוטרעטן אין איר. דעריבער האבן זיך אלע אונזערע באמיאונגען צו בילדן אין ווילנע א „גובערנסקי קאמיטעט" פון דער ק. ד.-פארטיי ניט איינגעגעבן. נאך א 6—5 יאר פון מיין באטייליקן זיך אין דער ארבעט פון דער ק. ד.-פארטיי האב איך זי פארלאזן, ווייל איר נאציאנאליטעטן-פראגראם, הגם טעארעטיש א גאנץ ברייטע און גוטע האט זיך פראקטיש ארויסגעוויזן פאר א פוסטן ענין, מחמת מיליוקאוו האט מורא געהאט צו שטעלן די יידישע פראגע אין „דומע" אין איר גאנצער ברייט, כדי ניט צו קאמפראמיטירן די ק. ד. אין די אויגן פון די רעכטע, וועלכע וואלטן דאן די ק. ד. פארשריען פאר „יידן". ער האט דעריבער געטענהט, אז די יידישע גלייכבארעכטיקונג האט סיי ווי קיין שאנסן ניט צו באקומען א רוב אין דער דומע; דערמיט איז דער קאמף פאר יידישע רעכט מצד די ק. ד. כמעט אוממעגלעך געווארן **).

איך בין ארויס פון דער ק. ד.-פארטיי.

מיין ביאגראפיע אין דער צייט פון דער וועלט-מלחמה ביז צום יאר 1922 איז מערסטנס פארשריבן געווארן אין מיינע געדרוקטע זכרונות: „אין שטורם" ***) און „אין גהינום" ****).

אין יאר 1922 בין איך אויסגעקליבן געווארן פון נאווארעדקער קרייז אלס סיים-דעפוטאט אין דעם צווייטן סיים אדער אין דעם ערשטן געוויינלעכן („ארדינארייני") סיים, ווייל דער ערשטער איז געווען א גרינדונגס-סיים. איך האב געארבעט דער עיקר אין דער בילדונגס-קאמיסיע פון סיים, בלייבנדיק דערביי אין שטענדיקן קאנטאקט מיט דעם בילדונגס-מיניסטעריום.

אין יאר 1927 בין איך אויסגעקליבן געווא־ן פון דער שטאט ווילנע (פון דער יידישער באפעלקערונג) אין דעם דריטן סיים (אדער דעם צווייטן געזעצגעבערישן). בפרטיות וועגן מיין ארבעט אין די ביידע סיימען וועל איך מיטטיילן אין מיין דריטן זכרונות-בוך, וועלכן איך שרייב אונטערן נאמען „אין סמבטיון".

דא וויל איך נאר בקיצור באמערקן, אז איך בין געווען (אין דער סיים-בילדונגס-קאמיסיע) כמעט דער איינציקער רעפערענט פון די אלע יידישע געזעץ-פראיעקטן, וועלכע זיינען פאר דער גאנצער צייט פון מיין ארבעטן אין סיים באטראכט געווארן דורך דער בילדונגס-קאמיסיע, חוץ א פאר ריין רעליגיעזע פארשלאגן.

איך בין אין דער סיים-בילדונגס-קאמי-

*) מיט א יאר 8 בערך פאר דער וועלט-מלחמה האב איך אינאיינעם מיט אייניקע יונגע דאקטוירים געגרינדעט אין ווילנע די ווילנער יידישע מעדיצינישע געזעלשאפט אונטער דעם נאמען: „ווילנער יידישער דאקטוירים-קרייזל". די ערשטע יארן בין איך געווען דער איינציקער פארזיצער אין דער געזעלשאפט.

**) אין דער ערשטער דומע, וואוהין ווילנער יידן האבן געקענט קלייבן נאר א „קאנדידאט", בין איך מיט א גרויסער מערה״ס אויסגעקליבן געווארן פון דער ווילנער יידישער באפעלקערונג אלס קאנדידאט אין „דומע".

***) אין שטורם (זכרונות פון די אקופאציע-צייטן). ווילנע 1926, פארלאג פון ב. קלעצקין. זייטן 287.

****) אין גיהנום (זכרונות פון די דייטשע תפיסות בשעת דער וועלט-מלחמה). ווילנע, 1927. פארלאג פון ב. קלעצקין. זייטן 114.

ר ע ד.

מיט די גאנצע צייט געשטאנען אויף דער וואך פון די אינטערעסן פון דער יידישער קולטור, קעמפנדיק כאר איר גלייכבארעכטיקונג.

דעם עיקר קאמף האב איך געפירט פאר דעם העברעאישן און יידישן שול-וועזן.

איך האב חוצדעם מיט אלע בילדונגס-מיניסטארן, וועלכע זיינען פאר דער גאנצער צייט געווען אין פוילן, און מיט די דירעקטארן פון די פארשיידענע דעפארטאמענטן פון דעם בילדונגס-מיניסטעריום געפירט שטענדיקע אונטערהאנדלונגען און ויכוחים וועגן שאלות פון יידישער קולטור בכלל און בפרט — פון יידישע שולן, וואס האט מיט גרויסע שוועריקייטן, אבער דאך א ביסל א ריד געטאן דעם וואגן פון ארט, ארויסרוקנדיק אים פון דעם טויטן פונקט, אויף וועלכן ער האט זיך פון אנהויב אן אוועקגעשטעלט אין דער בלאטע פון דעם אנטיסעמיטיזם...

די קאנקרעטע דערגרייכונגען אין דעם פרט זיינען געווים געווען זייער קליינע, כמעט נישטיקע, אבער די מאראלישע זיינען בכלל געווען ניט קיין זייער שלעכטע...

ווייטער האב איך פאר דער צייט פון צווייטן סיים צונויפגערופן די קאנפערענצן פון פארשטייער פון יידישע קהילות (פון ווילנער קאנט, פון נאווארודקער און פון די מזרח-קרעסן), אויף וועלכע עס איז אנגענומען געווארן כמעט פה-אחד דער פראיעקט פון קהילה-תקנות פאר א נאציאנאל-וועלטלעכע קהילה מיט א ברייטן קאמפעטענץ-קרייז, וועלכע איך האב אלע דריי קאנפערענצן פארגעלייגט *).

איך האב א פאר מאל די דאזיקע החלטות געשיצט קורץ פארן סיים.

אין דעם צווייטן סיים איז מיר אויך געלונגען דורכצופירן 2 ארבעטער-געזעץ-פראיעקטן, וועלכע איך האב אריינגעטראגן פון מיין איניציאטיוו אין דער פינאנס-קאמיסיע: איינעם וועגן אנטשעדיקונג פאר די ארבעטער פון די מאנאפאליזירטע טאבאק-פאבריקן, דער עיקר יידישע, וועלכער איז סוף-כל-סוף דורכגעגאנגען דורכן סיים און וועלכער איז אריין אין לעבן, ניט קוקנדיק אויף די גוואלטיקע מניעות, וואס זיינען אי מצד פון סיים, אי מצד פון דער רעגירונג דערביי געשטעלט געווארן אין וועג.

דעם צווייטן געזעץ-פראיעקט וועגן אננעמען יידישע ארבעטער אויף ארבעט אין די מלוכה-מאנאפאלן און מלוכה-אונטערנעמונגען האב איך דורכגעפירט דורך אלע דריי לייענישן אין דער פינאנס-קאמיסיע.

*) דעם זעלבן פלאן פון קהילה-ארגאניזאציע האב איך מערערע מאל אויפן וואונטש פון אויבן צוגעשטעלט כמעט אלע פוילישע רעגירונגען (ז. „אין שטורם").

צום סיים אבער האט אים די „כיענע-פיאסטישע" מערהייט מיט דער הילף פון דעם מארשאלעק ראטאי ניט דערלאזן אין משך פון איבער צוויי יאר!

אין דעם איצטיקן סיים האט זיך מיין עיקר ארבעט אויסגעדריקט אין צוויי גרויסע און אויסשעפנדיקע רעפעראטן אין דער בילדונגס-קאמיסיע (איבער נומערוס קלאוזוס און — איבער דער „מתים-פראגע") און אין א ריי ארויסטרעטונגען אין קאמיסיעס און אויפן פולן סיים (דער עיקר — בודזשעט-רעדעס).

איך בין א מיטגליד פון עקזעקוטיווע פון געגנט-קאמיטעט „יעקאפא" אין ווילנע און פון א גאנצער ריי געזעלשאפטן און אינסטיטוציעס.

איך בין פארזיצער פון ראט פון דער ווילנער יידישער קהילה און מיטגליד פון ווילנער שטאטראט.

(אויטאביאגר.)

**יאכעלמאן** דוד שלמה, ד"ר. איז געבארן ר"ח אדר 1869 אין פאסטאוו (ווילנער גוב). זיין פאטער איז געווען א ייד א למדן, לייב יאכעלמאן, אדער, ווי מ'פלעגט



אים געוויינלעך רופן, לייבע דאביטקער אויפן נאמען פון דער פוילישער קרעטשמע, וועלכע די פאמיליע האט געהאלטן אין ארענדע אין משך פון עטלעכע דורות.

אז יאכעלמאן איז אלט געווארן עלף יאר, האט אים זיין פאטער אוועקגעפירט צופוס קיין ווידז, וואו ער איז אפגעווען צוויי יאר אין פארשיידענע ישיבות. א 14-יאריקער „גייט" ער קיין ווילנע, וואו ער טרעט אריין אין ראמיילעס קלויז אין 4-טן שיעור, פון וועלכן דער ראש-ישיבה איז געווען ר' שמואל פעסקין, וואס האט זיך אויסגעצייכנט דורך זיין טאלעראנטן פארהאלטן זיך צו אלגעמיינער בילדונג און איז צוליב דעם געווען באטראכט מיט גרויס פארדאכט פון אלע אנדערע ראשי-ישיבה.

אין לעצטן שיעור ארגאניזירט יאכעלמאן די עלטערע ישיבה-בחורים צו א קאמף, מיט דער פאדערונג, אז אין דער ישיבה זאלן געעפנט ווערן קלאסן פאר לערנען רוסיש.

עס צעברענט זיך א מחלוקה און דער רעזולטאט איז, אז יאכעלמאן מיט זיינע חברים ווערן געצוואונגען צו פארלאזן די ישיבה, הגם זייער פאדערונג איז א ביסל שפעטער דאך צופרידנגעשטעלט געווארן. יאכעלמאן וואלגערט זיך א לענגערע צייט אין קלענערע קלויזן, צוגרייטנדיק זיך אריינצוטרעטן אין גימנאזיע, און גלייכצייטיק פארבערייטנדיק זיך אויף „סמיכה". זיין חלום איז צו ווערן א ראבינער. נאר ארעמקייט צווינגט אים אפצוזאגן זיך פון זיינע פלענער און אנצונעמען א לערער-שטעלע אויף א ישוב ביי א רייכן ישובניק פאר 20 רובל א זמן. מיט דעם דערווארבענעם קאפיטאל קומט ער צוריק קיין ווילנע, זעצט פאר זיינע אנשטרענגונגען, אבער זיין געזונט האלט ניט אויס די דחקות און ער נעמט ווייטער אן א שטעלע אין א קאלאניע פון יידישע ערד-ארבעטער פאנאסישעק, אייניקע סטאנציעס פון ווילנע, וואו ער באקאנט זיך צום ערשטן מאל מיטן לעבן פון יידישע קאלאניסטן. ער באזוכט צופוס אלע יידישע קאלאניעס, וועלכע ליגן אין יענער געגנט, און באקאנט זיך נענטער מיט דער געשיכטע פון יידישער קאלאניזאציע.

ער קערט זיך אום צוריק אלס הייסער אנהענגער פון דער נויטווענדיקייט פאר יידן אנטיילצונעמען אין ערד-ארבעט און שליסט זיך אן מיט דער גאנצער ווארעמקייט פון זיין טעמיקער נאטור אן דער חיבת-ציון באוועגונג. צוליב פאמיליען-פארהעלטענישן פארלאזט ער באלד ווילנע און גיט זיך ווידער אפ מיט לערעריי אויף ישובים, וואו זיין פארדינסט שטייגט שוין צו 30 ביז 35 רובל א זמן, און באזעצט זיך אין מיכאלישעק, וואו ער גרינדעט צוזאמען מיט דעם שפעטערדיקן רב ר' יעקב פלעקסער, דעם מחבר פון „למען ציון", א חיבת-ציון-פאראיין, וועלכער הויבט אן צו קלייבן אונטערשריפטן אויף די אקציעס פון דער יידישער קאלאניאל-באנק. פאמיליען-פארהעלטענישן צווינגען יאכעלמאנען ווידער צו זוכן פרנסה. ער ווערט ווידער א לערער אין מיכאלישעק גופא, און דאן ביי די רייכסטע ישובניקעס אין דער געגנט, וואו זיין געהאלט שטייגט שוין צו 120 רובל א זמן. די דאזיקע גרויסע פארדינסטן גיבן אים שוין א מעגלעכקייט אויף צו זאמלען א „קאפיטאל", וואס זאל קענען אים אויפהאלטן א 6—7 חדשים, און אין יאר 1900, שוין אין עלטער פון 30 יאר, קומט ער אן אין אוניווערסיטעט אין בערן. ער טרעט דארטן באלד אריין אין דעם אקאדעמישן ציוניסטישן פאראיין, וואו ער ווערט מיטגליד פון פארוואלטונג און דערנאך פארזיצער, אין וועלכן אמט ער פארבלייבט ביז די שפאלטונגען אין דער ציוניסטישער ארגאניזאציע, ווען יאכעלמאן ווערט דער

פירער פון די אוגאַנדיסטישע, און נאָכדעם פון די טעריטאָריאַליסטישע סטודענטן. דער דאָזיקער פּעריאָד איז געווען אַזוי צו זאָגן דער שטורם- און דראַנג-פּעריאָד אין לעבן פון די יידישע און רוסישע סטודענטן אין דער שווייץ. צווישן זיי האָבן זיך אין יענער צייט געפונען די שפּעטער באַקאַנטע רעפּרעזענטאַנטן פון דער נאַציאָנאַלער און רעוואָלוציאָנערער באַוועגונגען פון יידן און רוסן. אין בערן, וואו ס'איז געווען דער צענטער, האָבן זיך דאַן געפונען צווישן אַנדערע: זשיטלאָווסקי, אַן—סקי, ש. ראָזענפעלד, היסין, קלאַצקין, קלויזנער, וויצמאַן, פּאַסמאַניק, יעקב כהן, באָרוכאָוויטש, העלמאַן, מאַפּינזאָן, גאָטליב, מעטמאַן—כהן, באַגראַטשאָוו, קאָפּעל (מוקדוני), צביון און פון ניט-יידן: לענין, טראָצקי, טשערנאָוו, זינאָוויעוו, די שוועסטער אַקסעלראָד און פיל אַנדערע.

יאַכעלמאַן ווערט זייער באַפריינדעט מיט די סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן, דערהויפּט מיט אַן—סקין, די פריינדשאַפט מיט וועלכן דויערט ביז צום סוף פון לעצטנס לעבן. זיין הויפּט-טעטיקייט אָבער בלייבט אין דער יידישער ספערע, צווישן דער נאַציאָנאַליסטישער סטודענטשאַפט. ער גרינדעט די ערשטע יידישע כשרע קיך פאַר די סטודענטן, ער אָרגאַניזירט אַ „דוברי-עברית"-פאַראיין, פון וועלכן ער ווערט דער פאָרזיצער א. אַז. וו.

נאָכן 5-טן ציוניסטישן קאָנגרעס סוף 1901 פאַרבינדט זיך יאַכעלמאַן מיט די אוגאַנדיסטן, טרעט אַרויס פון אַקאַדעמישן ציוניסטישן פאַראיין און שאַפט אַ פאַראייניקונג פון סטודענטן, וועלכע סימפּאַטיזירן מיטן אוגאַנדע-פּראָיעקט. די נאָענטסטע מיטאַרבעטער זיינען: קלאַצקין, מלמד, נאָכט, העלמאַן, גאָטליב, גליקסאָן א. א. אַ גרויסער טייל פון די אַרבעטן פון די אוגאַנדיסטן אין פאַרשיידענע לענדער ווערט אַריבערגעטראָגן אין בערנער אַקאַדעמישן אוגאַנדיסטישן פאַראיין און ווערט דאָרט פאָרגעזעצט ביז צו דעם 7-טן קאָנגרעס. אַ ריי פאַרבערייטונגען פון דער שפּעטערדיקער טעריטאָריאַליסטישער אָרגאַניזאַציע ווערן אויסגעאַרבעט און אָרגאַניזירט פון דעם דערמאָנטן בערנער פאַראיין. דער וויכטיקסטער רעזולטאַט פון דעם פאַראיינס אַרבעט איז געווען זיין אַריינטרעטן אין קאָרעספּאָנדענץ מיט ישראל זאַנגוויל און דאָס באַאיינפלוסן אים צו ווערן דער פּרעזידענט פון דער טעריטאָריאַליסטישער אָרגאַניזאַציע.

צום 7-טן ציוניסטישן קאָנגרעס אין יולי 1905 איז יאַכעלמאַן געווען אַ דעלעגאַט פון די לינקע מינסקער ציוניסטן און איינער פון די פירער פון די אוגאַנדיסטן, נאָכדעם טעריטאָריאַליסטן. מיט יאַכעלמאַן, יאַסינאָווסקי, יאַצקאָן, פינקעלשטיין, חזן, נאָכט, זאַלקינד א. א., צוזאַמען 70 דעלעגאַטן, ווערט אין שאַפּראָן-זאַל אין באַזעל געגרינדעט די יידישע נאַציאָנאַלע טעריטאָריאַליסטישע אָרגאַניזאַציע „ינטאָ". אין משך פון דריי טעג ווערן געפירט אונטערהאַנדלונגען מיט זאַנגווילן, ער זאָל ווערן דער פּרעזידענט. זאַנגוויל אָבער שטעלט געוויסע שווערע פאָדערונגען, נאָר צום סוף ווערט מען מושוה אויף אַ פּשרה: מ'גיט אויף דעם „נ" (נאַציאָנאַלע), די אָרגאַניזאַציע באַקומט דעם נאָמען „יטאָ". זאַנגוויל אָבער שטעלט יאַכעלמאַנען אַ פּערזענלעכע באַדינגונג, אַז ער, יאַכעלמאַן, מוז אַריבערפאָרן קיין לאָנדאָן און איבערנעמען די פּראַקטישע ליטונג פון דער אָרגאַניזאַציע. הגם דער פּלאַן געפינט זיך אין אַ פולשטענדיקן קעגנזאַץ צו יאַכעלמאַנס פּערזענלעכע אינטערעסן, איז ער, צוליב די אינטערעסן פון דער „יטאָ", מסכים צו זאַנגווילס פאָדערונג, און אין עטלעכע חדשים אַרום פאָרט ער אַריבער קיין לאָנדאָן.

יאַכעלמאַן וואַרפט זיך באַלד אַריין אין דער דורכפירונג פון אַ נייעם פּראַקטישן פּלאַן: די רעגולירונג פון דער יידישער עמיגראַציע, וועלכער איז נאָכדעם באַקאַנט געוואָרן אונטער דעם נאָמען — די גאַלוועסטאָנער עמיגראַציע. די טעאָרעטישע זייט פון דעם פּלאַן איז געווען פאָלגנדע: די יידן פון רוסלאַנד און פון מזרח-אייראָפּע בכלל זיינען געצוואונגען, צוליב פּאָליטישע און עקאָנאָמישע סיבות, צו עמיגרירן. די פאַראייניקטע שטאַטן זיינען דער צענטער פאַר אָט דער יידישער אימיגראַציע. די אַמעריקאַנער לייבאָר-פּאַרטיי איז קעגן אימיגראַציע און פירט אַ קאַמף פאַר די איינפירונג פון באַגרענצונגס-געזעצן קעגן דער אימיגראַציע. דער פּועל-יוצא איז — מען מוז זוכן אַ וועג ווי צו פאַרהיטן, אַז די אַמעריקאַנער טויערן זאָלן ניט געשלאָסן ווערן.

איינער פון די וועגן צו פאַרהיטן די קאַטאַסטראָפע דאַרף זיין אָפּצוציען אַ טייל פון דער אימיגראַציע פון ניו-יאָרק, באָסטאָן א. אַז. וו. צו די דרומדיקע שטאַטן, ווי גאַלוועסטאָן, ניו-אָרלעאַנס, וואו עס פילט זיך אַ מאַנגל אין אַרבעטער, און וואו די אימיגראַציע האָט קיין קעגנער ניט. דער פּלאַן ווערט סימפּאַטיש אויפגענומען פון די ראָטשילדס אין לאָנדאָן און אין פּאַריז. יעקב שיף שטיצט דעם פּלאַן זייער וואַרעם און אַסיגנירט אַ מיליאָן דאָלאַר אויף זיין דורכפירונג. ס'ווערן געגרינדעט ספּעציעלע קאָמיטעטן אין ניו-יאָרק און גאַלוועסטאָן, אַ צענטראַל-קאָמיטעט ווערט געגרינדעט אין לאָנדאָן, אין וועלכן עס גייען אַריין איינקע פון די אָנגעזעענסטע יידישע כלל-טוער און גבירים אין ענגלאַנד, ווי לאָרד און לעאָפּאָלד ראָטשילד, דער מאָלער סאָלאָמאָן, דער סאָציאַליסט אידער, די שריפטשטעלערין מיס קאַרמעל גאָלדשמיד א. א. ד"ר יאַכעלמאַן ווערט באַשטימט אַלס דירעקטאָר און פאָרט אַריבער קיין קיעוו, וואו ער גרינדעט אַ ספּעציעלן קאָמיטעט מיט ד"ר מאַנדעלשטאַם בראש און מיט אָפּטיילונגען און פאַרטרעטונגען אין בערך הונדערט פונקטן אין רוסלאַנד און אויסלאַנד. די אַרבעט ווערט שטאַרק באַקעמפט פון אָרגאַניזאַציעס, פּאַרטייען און יחידים, אָבער אַדאַנק דער טעטיקייט פון אַ באַדייטנדער צאָל איבערגעגעבענע טעריטאָריאַליסטן-פּאַנאַטיקער און ס. ס.-אָווצעס ווערט די גאַלוועסטאָנער אימיגראַציע געקרוינט מיט ערפאָלג. די שטאַרקט זיך און פאַרפולקאָמט זיך, זי געווינט די סימפּאַטיע און אונטערשטיצונג פון אַמעריקאַנער פּרעזידענט טאַפט און פון דער אַדמיניסטראַציע אין וואַשינגטאָן בכלל. אַן ערך 10.000 מענטשן ווערן אַריבערגעשיקט. נייע אָנציאונגס-פונקטן פאַר אימיגראַציע ווערן געשאַפן אין די דרום- און מערב-שטאַטן און טויזנטער עמיגראַנטן פון מזרח-אייראָפּע פאָרן שוין אַליין אין יענע מקומות צו זייערע פריינד און באַקאַנטע אָן דער הילף פון די גאַלוועסטאָנער קאָמיטעטן, און ווער ווייס וועלכע ווירקונג אַ מער געלונגענע דורכפירונג פון אָט דעם פּלאַן, אין משך פון דער צייט, וואָלט געקענט האָבן אויף די אַמעריקאַנער געזעצגעבונג וועגן אימיגראַציע. ווען דער פּלאַן וואָלט ווייטער פאָרגעזעצט געוואָרן. צום אומגליק אָבער איז די גאַלוועסטאָנער עמיגראַציע פּלוצלונג אָפּגעשטעלט געוואָרן צוליב דער וועלט-מלחמה.

נאָך פאַר דער מלחמה, אין 1913, איז ד"ר יאַכעלמאַן, צוליב זיין אָנגעשטרענגטער אַרבעט קראַנק געוואָרן אויף אַ שווערן האַרץ-פעלער. איינקע חדשים איז ער געלעגן אין בעט אין קיעוו, און ווערט נאָכדעם אַוועקגעשיקט אין אַ סאַנאַטאָריע פאַר האַרצליידנדע אין קאָנסטאַנץ, דייטשלאַנד. אינמיטן פון זיין קוראַציע, באַקומט ער אַ טעלעגראַפישע מיטטיילונג וועגן אַ נייעם קריזיס אין דער גאַלוועסטאָנער עמיגראַציע. קעגן די פאַראָרדענונגען פון די דאָקטוירים גנבעט ער זיך ביינאַכט אַרויס פון סאַנאַטאָריע און קומט קיין לאָנדאָן אויף אַ זיצונג פון גאַלוועסטאָנער צענטראַל-קאָמיטעט, אָבער די קראַנקייט פאַרשאַרפט זיך און זיין לאַגע ווערט באַטראַכט אַלס האָפענונגסלאָז, זיינע פריינד רופן טעלעגראַפיש אַרויס זיין פרוי פון קיעוו, מען פאַרלירט די האָפענונג אויף זיין געזונט-ווערן, אָבער זיין שטאַרקע נאַטור איז דאָך גובר די קראַנקייט און נאָכדעם ווי ער איז אָפּגעלעגן איינקע חדשים אין בעט ביי זאַנגווילן אין הויז, ווערט ער בעסער. אָבער דערווייל

איז אויסגעבראכן דער קריג, די גאלוועסטאנער עמיגראציע איז אפגעשטעלט געווארן, יעדע געזעלשאפטלעכע טעטיקייט בכלל ווערט אפגעשטעלט. פון דער אנדערזייט הויבן אן אנקומען ידיעות פון רוסישן פראנט און פון די מעשים תעתועים פון ניקאליי ניקאלאיעוויטש. עס ווערט נויטיק, אז די יידן אין ענגלאנד זאלן אננעמען שריט צו העלפן די פארוואגלטע ברידער אין רוסלאנד. ס'ווערט געגרינדעט א צענטראל-קאמיטעט צו שאפן אן אונטערשטיצונגס-פאנד אונטער דעם פארזיץ פון הערמאן לאנדוי, וואו ד״ר יאכעלמאן ווערט א מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע, מיט אן אפטיילונג אין דעם איסט-ענד, מיט ד״ר יאכעלמאן אלס ערן-פרעזידענט. דער קאמיטעט זאמלט באדייטנדע סומען, אבער באלד ווערט קלאר, אז די סומען, וועלכע דער קאמיטעט אין דער דאזיקער צוזאמענשטעלונג איז ביכולת צו זאמלען, וועלן זיין ניט גענוגנד און אז ס'וועלן זיך פאדערן גרעסערע סומעס. נאך געוויסע אנשטרענגונגען געלינגט עס אייניקע מיטגלידער פון צענטראל-קאמיטעט צו געווינען דעם הסכם פון לעאפאלד ראטשילד, קלאוד מאנטעפיארע און אנדערע איינפלוסרייכע פערזענלעכקייטן, צו גרינדן א קאמיטעט פון די רייכסטע און אנגעזעענסטע יידן אין ענגלאנד. לעאפאלד ראטשילד ווערט פרעזידענט, קלאוד מאנטעפיארע פארזיצער און לארד סווייטלינג קאסירער. ד״ר יאכעלמאן ווערט געוויילט אלס מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע פון קאמיטעט. דער קאמיטעט, „וואר וויקטימס פאנד“, ווערט דער צענטער פאר יידישער אונטערשטיצונגס-ארבעט אין אייראפע.

צוזאמען מיט דער פאעטעסע רעגינא מרים בלאך, דעם געלערנטן אדוואקאט עלקאן אדלער, סער טשארלעס הענרי, ד״ר בעהר און אנדערע גרינדעט יאכעלמאן אויך א ספעציעלן קאמיטעט צו העלפן די קריגס-געפאנגענע. די אויפטוען פון דעם דאזיקן קאמיטעט זיינען געווען ניט זייער גרויס, דאך איז דעם קאמיטעט געלונגען אין א געוויסער מאס צו פארלייכטערן די ליידן פון פיל, און אין איינציקע פאלן ממש מציל זיין מענטשן פון טויט.

אין 1917 ווערט ד״ר יאכעלמאן געוויילט, אויף לוסיען וואלפס ארט, אלס א לאנדאנער דעפוטאט אין „באארד אף דעפוטיס“,—דעם ענגליש-יידישן פארלאמענט, וואו ער איז נאך א מיטגליד ביז אויף היינטיקן טאג. ער ווערט געוויילט אין דער קאמיסיע פאר אויסלענדישע אנגעלעגנהייטן, און שפעטער, אדאנק זיינע ארויסטרעטונגען, ווערט געגרינדעט א ספעציעלע קאמיסיע וועגן אויסלענדישע יידן אין ענגלאנד. איז אויך ארויסגעטראטן פאר דעם, אז די „באארד“ זאל אונטערשטיצן די ליידנדע יידן אין מזרח-אייראפע.

באלד נאך דער רוסישער פעברואר רעוואלוציע אין 1917 שליסט די קערענסקי-מיליוקאוו רעגירונג אן אפמאך מיט דער ענגלישער רעגירונג וועגן צוציען צו די באטרעפנדע ארמייען רוסישע בירגער, וואס וואוינען אין ענגלאנד, און ענגלישע בירגער, וואס וואוינען אין רוסלאנד. עס ווערט געגעבן די מעגלעכקייט אדער אנצושליסן זיך אן די ארמעען אין דעם לאנד, וואו די יונגעלייט וואוינען, אדער צוריקצוקערן זיך אין דעם לאנד, פון וואנען זיי זיינען געקומען. ס'ווערט געגרינדעט אין לאנדאן אן אפיציעלער קאמיטעט אונטערן נאמען „יונייטעד ראשען קאמיטע פאר מאטערס אף מיליטארי סערוויס“ (פאראייניקטער רוסישער קאמיטעט פאר ענינים אין שייכות מיט מיליטער-דינסט). דאס איז געווען א רעפרעזענטאטיווער קאמיטעט, אין וועלכן עס זיינען אריינגעגאנגען פארטרעטער פון די פארשיידנסטע יידישע און רוסישע ארגאניזאציעס אין ענגלאנד. ד״ר יאכעלמאן ווערט געוויילט אלס פארזיצער. דער קאמיטעט ארגאניזירט סוב-קאמיטעטן פאר מעדיצינישע אונטערזוכונג, א יורידישע קאמיסיע אויף פעסטשטעלן די רעכט פון יעדן איינציקן אפליקאנט; ער באשטימט צוויי פארטרעטער, הערמאן לאנדוי און אדוואקאט קרוגליאקאוו, אין העכסטן מיליטערישן אפעלאציאנס-טריבונאל פאר דעקרעטן, ברענגט פיל נוצן מיט זיין ארבעט, ווערט אבער באלאסטעט יארן-לאנג מיט אונטערשטיצן פרויען און קינדער פון די, וועלכע האבן געוויילט צו פארלאזן דאס לאנד.

אז ס'זיינען אנגעקומען ידיעות וועגן הריגות און רדיפות אויף יידן אין פוילן אין גענעראל האלערס צייטן, איז לויט דער איניציאטיוו פון פארשטארבענעם באריס גאלדבערג, ד״ר שמריהו לעווין און ד״ר יאכעלמאן באשלאסן געווארן, קעגן דעם אויסערארדנטלעך-העפטיקן ווידערשטאנד פון די גבירים (וועלכע זיינען, אגב, שפעטער אליין צוגעשטאנען צום פראטעסט), צו ארגאניזירן א פראטעסט-דעמאנסטראציע. ס'איז געגרינדעט געווארן א קאמיטעט אונטערן פארזיץ פון ד״ר יאכעלמאן און ערן-קאסירער רעדאקטאר מארים מייער. אויף די פארזאמלונגען זיינען צווישן אנדערע ארויסגעטראטן דער טשיף-רבי ד״ר הערץ, חכם ד״ר גאסטער, ישראל זאנגוויל, ד״ר יאכעלמאן און מארים מייער. סער סטיוארט סעמועל, וועלכער איז געשיקט געווארן פון דער ענגלישער רעגירונג אויסצופארשן די לאגע אין פוילן, האט נאך זיין צוריקקער אין ענגלאנד מיטגעטיילט, אז די פראטעסט-פארזאמלונג האט געבראכט גרויסע נוצן פאר די יידן.

ווען די לאגע אין פוילן האט אנגעהויבן לייכטער צו ווערן, האבן אנגעהויבן ביסלעכווייז אנצוקומען ידיעות וועגן די **שחיטות** אויף יידן אין אוקראינע. די זשורנאליסטן קאראלניק און גראסמאן זיינען געקומען פון אוקראינע און האבן איבערגעגעבן א באריכט אויף א קאנפערענץ וועגן די שרעקלעכע הריגות אויף יידן פון פעטלורע, דעניקין און אנדערע. ס'איז צונויפגערופן געווארן א קאנפערענץ און ס'איז געגרינדעט געווארן א פעדעראציע פון פארטרעטער פון דעמאקראטישע הילפס-ארגאניזאציעס, לאנדסמאנשאפטן א. אז. וו. מיטן צוועק צו העלפן די יידן אין אוקראינע אונטערן נאמען „פעדעראציע פון אוקראינער יידן“. אין דער עקזעקוטיווע גייען אריין דער הויפט-ראבינער פון גרויס-בריטאניע ד״ר הערץ, חכם ד״ר גאסטער, זאנגוויל, ראטשילד, גראסמאן, מאכאווער און פיל אנדערע. ד״ר יאכעלמאן ווערט געוויילט אלס פארזיצער. די פעדעראציע ווארפט זיך אריין אין דער ארבעט מיט גרויס ברען. אירע אקטיווע מיטגלידער זיינען כמעט אויסשליסלעך געקומענע פון רוסלאנד, רומעניע און בכלל פון מזרח-אייראפע, מענטשן וואס זיינען פארבונדן מיט אלע פעדים מיטן גערודפטן עלעמענט. די פעדעראציע ארבעט אויס אירע אייגענע מעטאדן פון ארבעט, וועלכע באשטייט אין דעם, אז די זאל אין קיין לאנד, וואו די גיט הילף, ניט שאפן קיין אייגענע ארגאניזאציעס, וואס עסן אויף גרויסע סומעס, נאר די זאל זיך שטעלן אין א שטענדיקן קאנטאקט מיט די שוין עקסיסטירנדע ארגאניזאציעס און קאמיטעטן, געבן די דאזיקע קאמיטעטן די פולע מעגלעכקייט צו טאן די ארבעט ווי זיי פארשטייען, ניט אריינמישן זיך אין זייער טעטיקייט, אבער קאנטראלירן ווי ווייט מעגלעך זייער אקטיוויטעט. דער פרינציפ פון דער פעדעראציע איז געווען צו געבן מאמענטאלע הילף, סיי דירעקט צו יחידים, סיי צו יחידים דורך קאמיטעטן, ווי אויך געבן רעקאנסטרוקטיווע הילף אין דער פארם פון הלוואות אויף צוריקבויען חרובע פון דער מלחמה און מהומות אדער קאנפיסקירטע הייזער. אזוי, צום ביישפיל, האט די פעדעראציע געשטעלט אין רשות פון „יעקאפא“ אין ווילנע באדייטנדע סומעס פאר די דאזיקע צוועקן*). די פעדעראציע האט אין משך פון איר עקסיסטענץ אויפגעקליבן און צעטיילט ביי א פערטל מיליאן פונט. דאס איז אבער נאך ניט דער ווירקלעכער מאסשטאב פון איר ארבעט. דער מאראלישער ווערט פון איר ארבעט און אירע מעטאדן, די שטענדיקע אגיטאציע, וועלכע זי האט געפירט

*) ז. געניויער אריבן, זייטן 71—73, 106, 146, 147, 172, 178.

רעד.

פאַר די נויטווענדיקייט פון געבן אונטערשטיצונגען לטובת דעם מזרח-אייראָפּעאישן יידנטום, האָט געבראַכט נאָך א גרעסערן פּראַקטישן רעזולטאַט. אזוי האָט זי אויך מיט איר איינפלוס אויף דעם „וואָר וויקטימס פאָנד", דורך אירע דריי פאַרטרעטער אין דער עקזעקוטיווע פון פאָנד, אויסגעווירקט, אַז דער פאָנד זאָל פאַרטיילן אין פאַרשיידענע לענדער מער, ווי זי האָט אליין אויפגעקליבן.

אין 1919 ווערט געשאַפן לויט דער איניציאַטיוו פון ליאָנעל ראָטשילד, לאָרד סוויטלינג און לאָרד בירסטעד א קאָמיטעט אויפצוזאַמלען א מיליאָן פונט מיטן צוועק צו הויבן די בילדונג ביי יידן פון גרויס-בריטאַניע און צו שטאַרקן דעם גייסט פון יודאַאיזם אין גרויס-בריטאַניע. ד"ר יאַכעלמאַן ווערט געוויילט אין דער עקזעקוטיווע.

אין 1920 פאָרט ד"ר יאַכעלמאַן קיין קאָפּענהאַגען. פאַרבלייבט דאָרטן א חודש צייט און שליסט אַן אָפּמאַך מיט ליטווינאָוו וועגן א הילפס-אַקציע אין אוקראַינע מצד די יידישע פילאַנטראָפּישע אָרגאַניזאַציעס אין ענגלאַנד. ביידע קאָמיטעטן: דער אוקראַינער פאַרבאַנד און דער „וואָר וויקטימס פאָנד" אַרבעטן דערנאָך אויפן סמך פון דעם אָפּמאַך. דער דאָזיקער אָפּמאַך איז געווען פאַקטיש דער ערשטער הסכם צווישן יידישע אָרגאַניזאַציעס מיט דער סאָוויעט-רעגירונג וועגן הילפס-טעטיקייט אין רוסלאַנד. באַלד נאָכדעם האָט דער „דזשוינט" געשיקט זיינע פאַרטרעטער קיין רוסלאַנד און האָט אָנגעהויבן זיין טעטיקייט אויף זיין גרויסן מאַסשטאַב. אין 1921 פאָרט ד"ר יאַכעלמאַן קיין רעוועל, וואו ער בלייבט א חודש צייט און אַנטוויקלט די אַרבעט פון דער הילפס-טעטיקייט דורך דעם רעוועלער קאָמיטעט.

אין 1921 זאַמלט זיך אויף אין קאַרלסבאַד די קאָנפערענץ פון הילפס-אָרגאַניזאַציעס, וועלכע שאַפט דעם קאָמיטעט אונטערן נאָמען „די עקזעקוטיווע פון יידישע הילפס - אָרגאַניזאַציעס". ד"ר יאַכעלמאַן ווערט אין זיין אָפּוועזנהייט אויסגעקליבן אַלס מיטגליד אין דער עקזעקוטיווע און אַרבעט דאָרט די גאַנצע צייט פון איר עקסיסטענץ, פאָרט אין איר אויפטראָג אין 1924 אין רוסלאַנד און אוקראַינע, שליסט אָפּמאַכן מיט די רעגירונגען אין מאָסקווע און כאַרקאָוו וועגן דער אַרבעט פון דער עקזעקוטיווע, זעצט דאָרט פאָר זיינע פּלענער וועגן דער אַנטוויקלונג פון די יידישע קאָלאָניעס אין רוסלאַנד, קומט צוריק און גיט א באַריכט אויף א קאָנפערענץ אין קאַרלסבאַד וועגן דער לאַגע פון די יידן אין רוסלאַנד. אַלס רעזולטאַט פון באַריכט ווערן דורכגעפירט נייע באַדייטנדע זאַמלונגען און ס'ווערט געגעבן הילף.



אין 1922 ווערט אין לאָנדאָן געגרינדעט אַן אַלגעמיינער ניט-יידישער קאָמיטעט אונטערן נאָמען „מעדיקאַל אייד סאָסייטי" (מעדיצינישער הילפס-פאַראיין), צו שיקן מעדיקאַמענטן קיין רוסלאַנד. אין קאָמיטעט גייען אַריין פיל זייער אָנגעזעענע ענגלענדער און רוסן. ד"ר יאַכעלמאַן ווערט געוויילט אַלס וויצע-פאָרזיצער פון קאָמיטעט.

ווען „אָזע" הויבט אָן איר טעטיקייט אין אויסלאַנד, ווערט ד"ר יאַכעלמאַן איינגעלאַדן אַלס מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע. ד"ר יאַכעלמאַן אונטערשטיצט זייער וואַרעם דעם „אָרט" דורך דער פעדעראַציע, „וואָר וויקטימס-פאָנד" און אויף מיטינגען, און ווען דער „אָרט" האָט רעגיסטרירט דעם מיליאָן-דאָלאַר-פאָנד, ווערט ד"ר יאַכעלמאַן אויסגעקליבן אַלס איינער פון די דריי ענגלישע פאַרטרעטער.

אין 1925 אויף א קאָנפערענץ פון יידישע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס אין לאָנדאָן, ווערט געגרינדעט א קאָמיטעט צו אונטערשטיצן די יידישע קאָלאָניזאַציע אין רוסלאַנד. ד"ר יאַכעלמאַן ווערט געוויילט אַלס פאָרזיצער פון קאָמיטעט און באַטייליקט זיך אַלס דעלעגאַט פון דעם דאָזיקן קאָמיטעט אויף דער וועלט-קאָנפערענץ פון „אָזעט" אין מאָסקווע אין נאָוועמבער 1926.

די עקאָנאָמישע לאַגע פון די יידן אין פּוילן ווערט אין זומער 1926 מיט אַמאָל זייער קריטיש. דער „וואָר וויקטימס-פאָנד" סוספּענדירט זיין טעטיקייט צוליב דער שווערער עקאָנאָמישער לאַגע אין ענגלאַנד, וועלכע ווערט פאַראורזאַכט דורך דעם גענעראַל-שטרייק און קוילן-שטרייק. די פעדעראַציע פאַראייניקט זיך מיט די עקסיסטירנדע פּויליש-יידישע אָרגאַניזאַציעס אין ענגלאַנד אונטער דעם נאָמען „פאַרבאַנד פון יידישע הילפס-אָרגאַניזאַציעס". באַדייטנדע סומען ווערן אויפגעזאַמלט און גלייך פונאַנדערגעטיילט אין פּוילן.

אין אָנהויב 1929 איז ד"ר יאַכעלמאַן געוויילט געוואָרן אַלס פאָרזיצער פון קאָמיטעט אויף אַרויסצוגעבן דעם תלמוד אין א יידישער איבערזעצונג, אונטער דער רעדאַקציע פון ד"ר יעקב מאיר זאַלקינד, פון וועלכער אייניקע מסכתות זיינען שוין ערשינען.

די לעצטע צייט איז ד"ר יאַכעלמאַנס געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט, צוליב זיין געזונט-צושטאַנד, באַדייטנד אָפּגעשוואַכט געוואָרן. דאָך פאָרט ער זומער 1930 קיין רוסלאַנד און באַנייט דעם אָפּמאַך וועגן הילפס-טעטיקייט.

**מאירסאָן** עמיל (הוספה צו די זייטן 776—778). פון פאָטערס צד שטאַמט די פאַמיליע פון טיקטין (טיקאָצין), געוו. לאָמזשער גוב., איצט ביאַליסטאָקער וואָיעוואָדסטווע. דעם פאָטערס עלטערן, הערש און פייגע,



האָבן געפירט דאָרט א ברייט לעבן. זייער גרויסע, מאַגנאַטישע הויז איז געווען באַקאַנט אין גאַנצן געגנט. פון זיין מוטערס צד שטאַמט די פאַמיליע פון לובלין פון דער באַוואוסטער פאַמיליע האָראָוויטש. עזריאל שאול אפרים—עמיל—מאירסאָן איז געבאָרן געוואָרן אין לובלין אין אייגן הויז פון זיין עלטער-באָבע הינדע האָראָוויטש, וועלכע איז געווען באַרימט מיט איר שיינקייט, קלוגשאַפט און פרומקייט. זיין מוטער, מלכּה, איז געווען די באַוואוסטע פּויליש-יידישע שריפטשטעלערין מאַלווינאַ מאירסאָן, פאַרפאַסערין פון די זייער פּאָפּולערע אין יענער צייט דערציילונגען אויף פּויליש „דוד" און „פון אַן ענגער סביבה"*). זיין פאָטער בער—בערנאַרד מאירסאָן איז אין משך פון פיל יאָרן געשטאַנען בראש פון דער לובלינער יידישער געמיינדע און געווען דער פאָרזיצער פון דער שטאָטישער קרעדיט-געזעלשאַפט אין לובלין אין משך פון 30 יאָר. זיין (עמילס) שוועסטער—פראַנציסקאַ ארנשטיין—איז א באַקאַנטע פּוילישע דיכטערין.

עמיל מאירסאָנס ערשטע גרעסערע פילאָזאָפישע ווערק „אידענטיטעט און רעאַליטעט" גייט איצט אַרויס שוין אין דער דריטער אויפלאַגע און איז איבערזעצט אויף רוסיש (1912), ענגליש (1930) און דייטש (1930, לייפּציג, אַקאַדעמישע פאַרלאַגסגעזעלשאַפט). איינצלנע אַרבעטן מאירסאָנס זיינען געדרוקט אין „רעווי דע מעטאַפיזיק ע דע מאָראַל" א. א.

**פּאַדלישעווסקי** אברהם. דעם 27 טבת 1930 איז מיר געוואָרן 67 יאָר. איך בין געבאָרן אין דעם גוט אָסטראָוו, נאָוואָגרודקער פּאָוויאַט, מינסקער גובערניע. מיין זיידע ר' הירש (מילאָווידער) פּאַדלישעווסקי און מיין פאָטער „וועלוול אָסטראָווער" זאב פּאַדלישעווסקי האָבן זייער גאַנצן לעבן געהאַלטן אין אַרענדע אימעניעס, ברויהייזער פון שנאַפּס, מילן און די פּינסקער סיטנאָקאַסנע בלאָטעס פון גראַף קאָנסטאַנטי פּאָטאָצקי, אויך האָבן זיי געהאַנדלט מיט וואַלד. זיי זיינען געווען עשירים, למדנים און גרויסע בעלי-צדקות. מיין מוטער איז געווען די טאָכטער פון א פאַרברענטן קאַרלינער חסיד ר' ישראל אייזנבערג פון

*) וועגן מאַלווינע מאירסאָן ז. דעם אַרטיקל פון מ. ווינאַווער אין „יעווריייסקאַיאַ טריבונאַ" (פּאַריז, 2 סעפּט. 1922), וואו דער מחבר פאַרגלייכט מאַלווינאַ מאירסאָן מיט עליזאַ אָרזשעשקאָ און כאַראַקטעריזירט איר ראָל אין דער פּויליש-יידישער ליטעראַטור. מאַלווינאַ מאירסאָן איז געשטאָרבן אין לובלין דעם 13 יאַנואַר 1922.

די אינטערעסאַנטע הוספה-ידיעות האָבן מיר באַקומען פון עמיל מאירסאָנס שוועסטער דורך ה' ליב געליבטער פון לובלין און אייניקע ידיעות אויך פון ה' רפאל שערעשעווסקי פון וואַרשע.

רעד.

פינסק. מיין פאטער האט גענומען צו אונז אין אימעניע א רבי ר' דוד ספעקטאר א ייד א משכיל. מען האט אים גערופן דוד דער אפיקורס, ווייל ער האט ניט געגלויבט, אז דער מושער „בעל שם" וועט ארויסטרייבן דעם גלגול, וואס איז צו אים געקומען. ר' דוד איז געווען א גרויסער למדן, א בעל־דקדוק און האט מיט מיר און מיינע ברידער געלערנט משנה, „עין יעקב" און גמרא. תנ"ך און דקדוק (תלמוד לשון עברי) האבן מיר געלערנט אויסווייניק. אונזער פאטער האט אונז געשיקט צוזאמען מיט דעם רבין אין סלאנים און דארט האב איך מיך מיט מיינע ברידער געלערנט ביי די בעסטע לערער. נאכדעם האבן מיר געלערנט אין סלוצק. מיינע ברידער זיינען אריין אין גימנאזיע און מיך האבן די לערער פון גימנאזיע פארבערייטעט אלס עקסטערן. אין סלוצק האב איך ש"ס און פוסקים געלערנט ביי הרב ר' דוד בונציקס (פיינבערג) א ייד א גדול. איך בין קיין מאל ניט געווען אין א חדר און אויך ניט אין א ישיבה, דאך האב איך דורכגעלערנט ש"ס און פוסקים.

ווען איך בין נאך געווען א יינגל, בין איך שוין געווען אין אונזער געגנט דער קארעספאנדענט פון חברת „מפיצי השכלה". איך האב פארשפרייט צווישן קריסטן כוואלסאנס בוך קעגן עלילת דם.

אין סלוצק האב איך זיך אנגעשטעקט פון מיינע חברים מיט סאציאליזם און א קורצע צייט בין איך געווען א שטיקל „נאראדניק". איך און מיינע ברידער האבן אין דארף געלערנט די שקצים און שיקסעס ליינען און שרייבן. אגב בין איך געווען זיכער, אז אויב די פויערים וועלן קענען ליינען דעם „וואסכאד" וועלן זיי וויסן, אז אלץ, וואס מען רעדט אויף יידן, איז א בלבול...

פון 15 יאר אן בין איך אין ווארשע. האב פיל געלערנט אלגעמיינע וויסנשאפט, יודאאיסטישע וויסנשאפט און יידישע פילאזאפיע ווי רמב"ם און אנדערע. אין ווארשע האב איך זיך דערצויגן אין א רעליגיעזער סביבה, אין הויז פון מיין פאטערס שוואגער, דוד ב"ר מרדכי ראבינאוויטש פון ווילנע, אין דער ספערע פון זיינע קרובים ר' יוסף בער און ר' חיים סאלאווייטשיק און אויך ר' הערשל לייב בערלין פון וואלאזשין. זייער גדלות און תמימות האט אויף מיך געהאט א גרויסן איינדרוק. ביי די ווארשעווער מוכר־ספרים צוקערמאן און שאפירא בין איך באקאנט געווארן מיט כמעט אלע יידישע שריפטשטעלער פון יענער צייט. דערנאך בין איך באפריינדעט געווארן מיט נחום סאקאלאוו און איינקע יאר שפעטער מיט פרצן און ד"ר הרב פאזנאנסקי. אין „הצפירה" האב איך געשריבן מערסטנטייל אונטער דעם פסעוודאנים סוח. אויך מיט מיין שם המפורש. ביי פרצן, אין דער „יודישער ביבליאטעק", האב איך געשריבן אונטער דעם פסעוודאנים אברהם וואלפזאן. אונטער דעם דאזיקן פסעוודאנים האב איך געשריבן אין „יוד" א גרעסערע זאך „משה דער אלטער משרת". איך האב צו 19 יאר געהייראטעט די טאכטער פון דעם מאנופאקטור־סוחר בער קאבאק אין ווארשע. איך בין געווען ביי אים 1½ יאר אין געשעפט און דערנאך האב איך געעפנט אויף געגנשא גאס א מאנופאקטור־געשעפט, עד־היום. ווען עס האט זיך אנגעפאנגען די באוועגונג „חיבת ציון" בין איך געווען נאר א סימפאטיקער און טראץ דער באמיאונג פון שפ"ר, גלוסקין, יעבץ, לייבוש דאווידזאן און אנדערע, האב איך מיך ניט געקענט אנשליסן אן „חיבת ציון". פון צווייטן קאנגרעס אן, ארבעט איך אין דער ציוניסטישער באוועגונג. איינקע יאר בין איך געווען אלס רעוויזאר פון אקציאנס־קאמיטעט און פון 1907—אלס מיטגליד פון



אקציאנס־קאמיטעט, און אויך מיטגליד פון דעם אויפזיכטס־ראט, פון דער יידישער קאל. באנק. אויף מיין נאמען איז פארשריבן א גרינדער־אקציע פון דער יידישער קאלאניאל־באנק און זי איז אויך די גרינדער־אקציע פון נאציאנאל־פאנד. פון צווייטן קאנגרעס אן האב איך ניט דורכגעלאזן קיין קאנגרעס, קיין זיצונג פון דעם אקציאנס־קאמיטעט, מיטן אויסנאם איין קאנגרעס אין האג, ווען איך בין דעמאלסט, אין 1907, געווען אין ארץ־ישראל.

פאר דער מלחמה איז דער ציוניזם לעגאליזירט געווארן אויף דעם נאמען פון דעם אדוואקאט יאסינאווסקי און אויף מיין נאמען.

נאך אלס יונגערמאן, ווען די כאלערע האט אויסגעבראכן אין פוילן האב איך גענומען א גרויסן אנטייל אין דער הילפס־אקציע, אן אונטערשייד פון רעליגיע, צוזאמען מיט נחום סאקאלאוו און מיט דער ווארשעווער קהילה.

נאך דעם פאראל פון כבוש הקהילות האב איך צוזאמען מיט ד"ר נח דאווידזאן געפירט א ריי יארן א פארביסענעם קאמף מיט די אסימילאטארן ארום די וואלן אין דער קהילה. מיר האבן אריינגעבראכט אין דער קהילה ציוניסטן און נאציאנאליסטן. מיר האבן דעמאקראטיזירט די וואלן און פון 25 רובל עטאט האבן מיר דורכגעפירט אין פעטערבורג אויף 5 רובל. אין דעם דאזיקן קאמף האבן מיטגעהאלפן די אסימילאטארן געוויסע פוילישע מאגנאטן און גראפן און געזיגט האבן מיר. פון 1901 בין איך געשטאנען בראש פון דער ציוניסטישער באוועגונג אין פוילן, ארום מיך האבן זיך גרופירט יונגע אקאדעמיקער און גלאט אינטעליגענץ, ווי גרינבוים און קירשראט, הארטגלאס, זיידעמאן, נחום סירקין, פארבשטיין און נאך פיל אנדערע. אונטער דער השפעה פון נחום סאקאלאוו און מיר האבן זיי געפירט א פערמאנענטן קאמף מיט די אסימילאטארן. א גרויסן פארדינסט האט דא געהאט יאצקאן מיט זיין צייטונג דער „היינט". כמעט אלע זיצונגען זיינען פארגעקומען אין מיין וואוינונג. אלע פאליטישע און עקאנאמישע פראגן אין לאנד האבן מיר אנגעהויבן דורכפירן דורך די פריזמע פון יידישע אינטערעסן און מיר האבן אויפגעהויבן א קאמף און א גוואלד. אין פאל ווען מיר האבן געפונען, אז זיי שאדן די יידישע עקאנאמישע אדער נאציאנאלע אינטערעסן. צו דעם צוועק האבן מיר געגרינדעט די פוילישע וואכנבלאט „ווסכוד" אונטער דער רעדאקציע פון גרינבוים.

מיט מיין הילף איז געגרינדעט געווארן די שול „יהודיה" און אויך די ערשטע יידישע גימנאזיע אין ווארשע. צוזאמען מיט ד"ר מינץ און שיינהאק אויך ד"ר בירא איז געגרינדעט געווארן (אויף מיינע קאסטן) דער ערשטער חדר מתוקן אין ווארשע. צוזאמען מיט ד"ר גרשון לעווין, פרץ און אנדערע האבן מיר געגרינדעט דעם „הזמיר". אלע יידישע, קליינע און גרויסע, נאציאנאלע שטיפטונגען האב איך מיטגעהאלפן מיט מיין **א ר ב ע ט** און **ג ע ל ט**.

ווען סאקאלאוו, נאך זיין יובל, האט געמוזט אפפארן פון ווארשע, האב איך צוזאמען מיט אליעזר קאפלאן איבערגענומען די ליטונג און ארויסגעבונג פון דער „הצפירה" און איך האב זי געהאלטן אין מיינע הענט ביז אויגוסט 1915, ווען איך בין אנטלאפן פון די דייטשן קיין מאסקווע.

אלס פרעמיע צו דער „הצפירה" האבן מיר ארויסגעגעבן דעם „דור דור ודורשיו" פון וייסן, אין בערך 15 טויזנט עקזעמפלארן. מיר האבן איבערגעגעבן „אחיאסף" צו ענדיקן דעם „האוצר" און האבן אלס פרעמיע צו דער „הצפירה" אריינגעבראכט אין יידישע ביבליאטעקן בערך 7 טויזנט עקז. מיר האבן ארויסגעגעבן די „תבונה" שד"ל און ריי"ש בערך 5 טויזנט עקז. און נאך

פיל ספרים ווי „תולדות השלמת האדם“, העתקת פרישמאַן וכדומה. ס״ה בערך 35 טויזנט עקזעמפּלאַרן.

אין יאָר 1912 בעת די וואַלן צו דער 4־טער דומע האָב איך צוזאַמען מיט גרינבוים, יאַצקאָן, ד״ר טעאָפיל הינדעס, נאָווינסקי, פּאַרבשטיין, ד״ר יוסף דאַווידזאָן געפירט אַ שווערן קאַמף קעגן קוכאַשעווסקי און אַריינגעבראַכט אין דער רוסישער דומע דעם אַרבעטער יאַגעלאָ. דאָס האָט אַרויסגערופן אין פּוילן דעם „באָיקאָט“, אָבער פאַרשיידענע קלאַסן יידן, אויך די בעסטע אַסימילאַטאָרן, האָט עס פאַראייניקט.

ווען די וועלט־מלחמה האָט אויסגעבראָכן האָב איך אין דער קהילה, צוזאַמען מיט פּאַרבשטיינען און לייב דאַווידזאָן געגרינדעט דעם הילפס־קאָמיטעט פאַר די היימלאָזע און דעם סאַניטאַר־קאָמיטעט.

אין די „ציוניסטישע בלעטער“ (וואַרשע, 1928—1929) האָב איך וועגן דעם און פיל אַנדערע געשעענישן געשריבן זכרונות.

אין מאָסקווע, וואוהין איך בין אַנטלאָפן ערב דער דייטשער אָקופּאַציע, האָב איך געגרינדעט די ערשטע יידישע דרוקעריי און דערנאָך אַרויסגעגעבן דעם „העם“.

אין מאָסקווע בין איך געווען דער וויצע־פּאַרזיצער פון „תרבות“ אונטער דעם פּאָרזיץ פון הלל זלאַטאָפּאָלסקי. אין גאַנץ רוסלאַנד האָבן מיר געגרינדעט שולן בעברית, אין אָדעס אַ לערער־סעמינאַר, אין נישני־נאָווגאָראָד אַ שול מיט אַ אינטערנאַט.

איך בין געווען אין מאָסקווע דער גרינדער און איניציאַטאָר פון „הבימה“ און האָב געטראָגן די גאַנצע פינאַנסיעלע לאַסט. וועגן דעם האָב איך געשריבן גענויער אין די „ציוניסטישע בלעטער“ (וואַרשע, 1928).

אין מאָסקווע בין איך געווען איינער פון די גרינדער פון דער דעמאָקראַטישער קהילה. איך בין געווען דער פּאַרזיצער פון דער קולטור־קאָמיסיע. איך האָב אָנגעהויבן צוגרייטן ביי דער קהילה פאָלקסשולן מיט יידישער אונטעריכט. איך האָב דער קהילה אָפּגעגעבן 2 צימערן פון מיין וואוינונג און אָנגעהויבן איינריכטן דאָרט אַ יידישן מוזיי. איך האָב שוין געהאַט צוזאַמענגעקליבן כמעט אַלע אַנטיסעמיטישע צייטונגען פאַר די צייט פון דער מלחמה, פיל שטיקער צעריסענע ספרי־תורות פאַרשפּריצט מיט בלוט און פיל היסטאָרישע קעגנשטאַנדן, וואָס איך האָב באַקומען פון די יידישע שטעט אויף דער וואָלגאַ. אַן—סקי ע״ה האָט צוגעגעבן דעם מוזיי אַ גרויסע באַדייטונג.

איך האָב דורכגעפירט, מיט דער הילף פון הרב מזאה, אַז אין רומיאַנצעווס מוזיי האָט מען אָנגענומען ד״ר אייזענשטאַדט אַלס באַצאָלטן ביבליאָטעקאַר ספּעציעל פאַר יידישע ליטעראַטור און ספרים.

אין וואַרשע בין איך איינער פון די גרינדער פון דעם „יודאַאיסטישן אינסטיטוט“. איך בין אויך דאָרט אַ מיטגליד פון קוראַטאָריום. איך בין איינער פון די איניציאַטאָרן צו בויען אַ הויז פאַר די ביבליאָטעק און פאַר דעם „יודאַאיסטישן אינסטיטוט“ ביי דער סינאַגאָגע אויף טלאָמאַצקע גאַס און איך בין אַ מיטגליד פון קאָמיטעט.

איך בין געווען און איך בין אַ מיטגליד פון דעם פּרעזידיום פון „נאַציאָנאַל־ראַט“.

אין 1919 האָב איך זיך באַטייליקט אין קאָמיטעט פון די יידישע דעלעגאַציעס אין פּאַריז.

אין 1923 בין איך אַרויסגעפאָרן קיין ארץ־ישראל לגור שם. אַ פאַמיליען־אומגליק האָט מיך אין אויגוסט 1924 צוריקגעבראַכט. אין א״י האָב איך אויפגעבויט אַ לוקסוס־הויז מיט אַ גאָרטן. איך בין זייט 1907 באַטייליקט אין דעם זייף־פאַבריק „העתיד“ אין חיפה און האָב געגרינדעט צוזאַמען מיט בצלאל יפה די באַוואַסערונג אין פּתח־תקוה. איך בין אין א״י געווען דער פּאַרזיצער פון דעם נאַציאָנאַל־פאָנד פאַר סיריע און פּאַלעסטינע און האָב אַ גאַנצן יאָר פינאַנסירט די צייטונג „הארץ“.

אַלס גבאי, אין 1922—1923, אין דער סינאַגאָגע אויף טלאָמאַצקע האָב איך אין איר גרויסע ביבליאָטעק אַריינגעבראַכט די גאַנצע יידישע ליטעראַטור אין פיל הונדערטער עקזעמפּלאַרן און געמוזט פירן אַ גרויסן קאַמף מיט מיינע חברים. דער טייל ווערט אַלץ מער פאַרפּולקאָמט.

אין דער איצטיקער צייט בין איך דער פּאַרזיצער פון דער עקזעקוטיווע פון „יעאָס“, פון שטאַטישן „קרן היסוד“, „קרן החלוץ“, מיטגליד פון פּרעזידיום פון ציוניסטישן צענטראַל־קאָמיטעט, פון „מכבי“, פון פּרעזידיום פון נאַציאָנאַל־ראַט.

(אויטאָביאָגר., צוגעשיקט עטלעכע וואָכן פאַרן טויט).

אָנהויב 1923 האָט מען אין וואַרשע געפייערט פאַדלישעווסקיס 60־יאָריקן יובילי. ד״ר גרשון לעווין האָט וועגן דעם געשריבן אין „היינט“ (1 יאַנ. 1923, נומ׳ 1):

„ווען איך האָב פאַרטעלעכע יאָר אָפּגעדרוקט אַ ביסל זכרונות וועגן פּרצן, האָט מיך אַ היגער ליטעראַט געפרעגט, פאַרוואָס איך האָב אין זיי אַזוי אָפט דערמאָנט פאַדלישעווסקין, און איך האָב אים דעמאָלט געענטפערט, אַז וואָס פאַר אַ זכרונות איך וואָלט ניט געשריבן פונם וואַרשעווער יידישן לעבן אין די לעצטע 28 יאָר, צי פונם „הזמיר“, צי פון די וואַלן צו דער 4־טער דומע, צי פון דער „הצפירה“, צי וועגן סאָקאָלאָוו, שלום־עליכם, מענדעלע מוכר־ספרים, שלום אַש צי פון אַנדערע פּערזענלעכקייטן, וואָס האָבן נאָר געהאַט אַ שטיקל שייכות צו וואַרשע, וואָלט איך געמוזט זייער אָפט דערמאָנען פאַדלישעווסקין, און ניט נאָר איך, וואָס איך בין אפשר אַ ביסל סוביעקטיוו אין דער זאַך, נאָר יעדער ביאָגראַף און יעדער היסטאָריקער, וואָס וועט זיך אָפּשטעלן אויף דער עפּאָכע און וועט וועלן זיין אָביעקטיוו שביאָביעקטיוו, וועט פאָרט זיך ניט קאָנען באַגיין אָן פאַדלישעווסקין. מען קאָן זאָגן אָן אַ שום גוזמא, אַז אין די לעצטע 28 יאָר איז ניט פאָרגעקומען אין וואַרשע קיין שום יידישע וויכטיקע געשעעניש, אין וועלכער דער „בעל־הבית“ אברהם פאַדלישעווסקי זאָל ניט האָבן געשפּילט אַ גרויסע בכבודיקע ראָלע, און אין אַ סך פון זיי אפילו די ערשטע פידל“.

אין די לעצטע טעג פון זיין לעבן האָט זיך פאַדלישעווסקי פאַרנומען מיט ברענגען אין אָרדענונג זיין גרויסן אַרכיוו, וועלכן ער האָט מנדב געווען פאַר דער יידישער נאַציאָנאַלער ביבליאָטעק אין ירושלים.

פאַדלישעווסקי איז געשטאָרבן אין אַ סאַנאַטאָריע אין אָטוואָצק ביי וואַרשע אין דער נאַכט פון דינסטאָג דעם 17־טן אויפן 18־טן יוני 1930.

ר ע ד.

**קריינין** מאיר. געבאָרן אין אַלט־ביכאָוו (מאָהילעווער גובערניע), אין יאָר 1866. פינף יאָר אַלט אַריבערגעפאָרן צוזאַמען מיט די עלטערן קיין פּעטערבורג; פריער געלערנט אין חדר עטלעכע יאָר, נאָכדעם אין גימנאַזיע און אוניווערסיטעט אויפן יורידישן פאַקולטעט. שוין אין אוניווערסיטעט האָט ער גענומען אָנטייל אין אַלערליי יידיש־סטודענטישע גרופּעס, דערהויפּט קולטורעלע, וואָס האָבן געהאַט דעם צוועק צו באַקענען זיך מיט דער יידישער געשיכטע, ליטעראַטור, שפּראַכן און דער עיקר מיט דער לאַגע פון יידן אין רוסלאַנד. עס איז כדאַי צו דערמאָנען אַ קליינע גרופּע יידישע סטודענטן, אין וועלכער קריינין האָט גענומען אָנטייל, וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל שיצן יידן, וועלכע האָבן געהאַט פיל צרות פון דער פּאָליציי צוליב וואוינרעכט. דאָס איז געווען אין די לעצטע אַכציקער יאָרן, בשעת, באַזונדערס אין פּעטערבורג איז די פאַרפאָלגונג געווען גרויס. די גרופּע האָט געהאַט אין געוויסע פאַלן ערפאָלג, אָבער אַליין איז זי אויך ניט ווייניק אויסגעשטאַנען פון דער פּאָליציי.

צו דער צייט, ווען קריינין האָט געענדיקט זיין בילדונג אין אוניווערסיטעט, האָט שוין עקסיסטירט פאַר יידן די באַגרענצונג אַריינצוטרעטן אין אַדוואָקאַטן־שטאַנד. אויף צוגענומען צו־ווערן האָט מען באַדאַרפט האָבן אַן ערלויבעניש פון יוסטיץ־מיניסטער. קריינין מיט נאָך איינעם זיינעם אַ חבר

האט זיך דעמאנסטראטיוו ניט געווענדעט צום מיניסטער און צו דעם שטאנד, דערקלערנדיק, אז זיי האלטן עס נידעריקער פאר זייער ווערדע, אלס יידן. ניט האבנדיק קיין מיטלען, איז קריינין אין יאר 1891 איבערגעפארן קיין מאסקווע, וואו ער איז אנגעקומען אין אן איין-געשעפט אלס אנגעשטעלטער, נאכדעם אין א גרויסן מעטאל-געשעפט, וואו ער איז פארבליבן ביז סוף 1904, ווען ער איז צוריק איבערגעפארן קיין פעטערבורג. קיין מאסקווע איז קריינין אנגעקומען אקוראט צו דער צייט, ווען דער גרעסטער טייל פון דער יידישער באפעלקערונג איז ארויסגעשיקט געווארן. אלץ, וואס עס האט עקסיסטירט אין דער יידישער קהילה, איז רואינירט געווארן. אפילו די גרויסע שול איז פארמאכט געווארן פון דער פאליציע. אויב מען האט געקאנט טראכטן וועגן עפעס א געזעלשאפטלעכער ארבעט, אפילו אויפן צדקה-באדן, האט דאס געקאנט געטאן ווערן נאר געהיים. דאס יידישע לעבן אין מאסקווע איז אינגאנצן כמעט ווי אפגעשטארבן. נאר ארום וו. גארקאווי, באוואוסטן אדוואקאט אין מאסקווע, האט זיך געזאמלט א קליינע גרופע, וואס האט זיך געשטעלט אלס ציל צו באשעפטיקן זיך מיט אלערליי יידישע ענינים, דערהויפט קולטורעלע. צו דער גרופע האבן געהערט די געשטארבענע: מארעק, אידעלסאן, אויך דער פראפעסאר ד. שאר, באוואוסטער מוזיקער שוין דאן, און נאך אנדערע. צו דער גרופע איז צוגעשטאנען אויך קריינין. אלס א לעגאלער שילד איז געווען די באפולמעכטיקונג, וואס ה' גארקאווי האט באקומען פאר זיך פון „אפע" — חברה „מפיצי השכלה". די איבעריקע האבן זיך אין דער דירה פון ה' גארקאווי שטענדיק צוזאמענגעקליבן אומלעגאל. דאס האט נים געשטערט פאקטיש צו גרינדן אן אפטיילונג פון „אפע" אין מאסקווע, וועלכע אויסער א סטודענטן-קאסע האט זיך געשטעלט אלס ציל פירן א ברייטע קולטורעלע ארבעט אין מאהילעווער, וויטעבסקער און טשערניגאווער גובערניעס. עס זיינען געעפנט און געשטיצט געווארן א גאנצע ריי רוסיש-יידישע שולן, תלמוד-תורות, ביבליאטעקן. ארויסגעגעבן געווארן א פעדאגאגישער זשורנאל אויף רוסיש אין מאסקווע א. אז. וו. פאראלעל מיט דעם איז געפירט געווארן א שטארקע אגיטאציע פאר א יידישער נאציאנאלער שול. אין 1902 איז זיך אומלעגאל צונויפגעפארן אין ארשע א פארזאמלונג פון יידישע לערער און קולטורטוער פון גאנץ רוסלאנד, איבער הונדערט מענטשן, וואו א גאנצע וואך איז דיסקוטירט געווארן די פראגע פון א יידישער נאציאלער שול. די פארזאמלונג איז צונויפגערופן געווארן פון מאסקווער מיטגלידער פון „אפע". און קריינין איז געווען די גאנצע צייט פון פארזאמלונג דער פארזיצער. ניט אומזיסט האט מען אים נאכדעם געזוכט פון דער זשאנדארמעריע, אבער מען האט אים ניט געקענט געפינען, הגם ער איז געווען די גאנצע צייט אין מאסקווע. אין דעם זעלבן יאר, 1902, אויף דער ערשטער בעראטונג פון „אפע" אין פעטערבורג, האט קריינין אלס דעלעגאט פון מאסקווע דער ערשטער אריינגעטראגן א פארשלאג וועגן איינפירן אין יידישע ביבליאטעקן יידישע ביכער און שטיצן דאס ארויסגעבן פון יידישע ביכער. דאס איז ניט נאר נים באשלאסן געווארן, נאר אפילו באשטימט געווארן ניט צו באטראכטן, ווייל „זשארגאן" גייט ניט אריין אין דער אויפגאבע פון „אפע".



סוף 1904 פארט איבער קריינין צוריק קיין פעטערבורג, וואו ער האט געעפנט א מעטאל-געשעפט. דער געשעפט האט זיך אזוי פארברייטערט, אז די לעצטע יארן פאר דער רעוואלוציע איז דאס געווען איינער פון די גרעסטע געשעפטן אין רוסלאנד. קריינין האט פארגעזעצט זיין קולטורעלע ארבעט. עס איז כדאי צו באמערקן, אז די אריינגעטראגענע פון אים רעזאלוציע אויף דער אלגעמיינער פארזאמלונג פון „אפע" אין 1905 פאר א נאציאנאלער שול האט צונויפגעקליבן פאר נאר 5 שטימען און קעגן איבער 100. צווישן די לעצטע זיינען געווען איניקע איצט אנגעזעענע יידישיסטן. נאר אין 1907 איז געלונגען קריינינען אויסגעוויילט צו ווערן אין קאמיטעט פון „אפע". דער קאמף פאר א יידישער נאציאנאלער שול האט געדויערט ביז 1915 יאר, ווען אויף דער בעראטונג פון „אפע" איז די פראגראם פולקאם אנגענומען געווארן. דאס איז געווען א לאנג-דויערנדער קאמף מיט א גאנצער רעוואלוציע אין די קרייזן ניט נאר פון „אפע", נאר פון דער גאנצער יידישער עפנטלעכער געזעלשאפטלעכער מיינונג. די לעצטע יארן פאר דער רעוואלוציע האט קריינין געחלומט וועגן א יידישן וויסנשאפטלעכן אינסטיטוט אין פעטערבורג. צוליב דעם האט ער געשענקט דעם „אפע" א הויז, פאר וועלכע ער האט באצאלט צוויי הונדערט טויזנט רובל, און וואו עס האט זיך געדארפט געפינען דער אינסטיטוט, די ביבליאטעק און אנדערע קולטורעלע אנשטאלטן. די ביבליאטעק פון „אפע" האט זיך נאך ביז גאר דער לעצטער צייט געפונען אין דעם זעלבן הויז.

אין 1905 האט זיך אנגעהויבן א געוויסע פאליטישע אויפלעבונג אויך אין יידישן לעבן. דער „פארבאנד צו דערגרייכן יידישע גלייכבארעכטיקונג" האט פאראייניקט צו יענער צייט אלע פראגרעסיווע יידישע כוחות. פירנדיק מיט אלע ניט-יידישע פארבאנדן דעם קאמף פאר א פרייער רוסלאנד האט דער יידישער פארבאנד זיך געשטעלט אלס ציל צו אנטוויקלען דעם קאמף פאר יידישער נ א צ י א נ א ל ע ר אויפלעבונג. קריינין איז געווען אויף די קאנפערענצן אויסגעוויילט אלס א מיטגליד פון צ. ק., אין וועלכן זיינען געווען פארטראטן באוואוסטע דאן פערזענלעכקייטן. דער פארבאנד איז פונאנדערגעפאלן, ווען עס האבן זיך אנגעהויבן קריסטאליזירן אלערליי יידישע שטרעמונגען. עס זיינען אויפגעשוואומען: די יידישע פאלקסגרופע מיט ווינאווער און סליאזבערג בראש, דעמאקראטישע מיט ל. בראמסאן און לאנדאו, סיהאט עקסיסטירט די ציוניסטישע. דאן אויך, אין יאר 1907, איז געגרינדעט געווארן די „פאלקספארטיי" פון ש. דובנאוו, קריינין און אנדערע. ביי דער רעאקציאנערער צייט פון דענסטמאל איז קיין רייד ניט געווען וועגן אן אנטוויקלונג פון יעדער עקסיסטירנדער גרופע אדער פארטיי, נאר יעדערע האט געהאט איר איינפלוס אין געוויסע קרייזן. ביי די יידישע דעפוטאטן פון דער גאסודארסטווענער דומע איז שטענדיק געווען א קאמיסיע, מיט וועלכער די דעפוטאטן האבן זיך בעראטן. פאקטיש האט די קאמיסיע אנגעפירט מיט דער גאנצער יידישער פאליטיק אין דומע דורך די דעפוטאטן און ניט-יידישע פראגרעסיווע פארטייען. די קאמיסיע איז באשטאנען פון פארשטייער פון די אויבנדערמאנטע פיר גרופעס און פארטייען. קריינין איז די גאנצע צייט געווען איינער פון די פארשטייער פון „פאלקספארטיי".

מיטן אויסברעכן פון דער מלחמה איז אין פעטערבורג געגרינדעט געווארן די „יעקאפא". די געזעלשאפט איז ניט נאר געווען א הילפס-קאמיטעט פאר געליטענע, נאר האט געשפילט א גרויסע ראלע בכלל אין געזעלשאפטלעכן יידישן לעבן אין רוסלאנד. „יעקאפא" האט פאראייניקט אלע כוחות סיי צענטראלע, סיי ארטיקע. זי האט געמוזט ניט נאר מאטעריעל שטיצן, נאר אויך פאליטיש העלפן די היימלאזע. אלעמען איז באקאנט, וואס פאר א וויכטיקע ראלע די געזעלשאפט האט געשפילט אין

יידישן לעבן אין די יאָרן פון דער מלחמה. קריינין איז געווען איינער פון די גרינדער, פריער אַלס אַ מיטגליד אין אויספיר-ביוראָ און נאָכדעם אַלס אַ מיטגליד פון פרעזידיום.

גלייך נאָך דער פעברואַר-רעוואָלוציע אין יאָר 1917 איז אַרויפגעשוואומען דער געדאַנק פון צונויפרופן אַן אַלגעמיינעם יידישן צוזאַמענפאָר אויף צו באַטראַכטן אַלע פּאָליטיש-נאַציאָנאַלע פראַגן, כדי צוצושטעלן דער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג די יידישע פאָדערונגען. דער צוזאַמענפאָר האָט געדאַרפט צונויפגערופן ווערן לויט אַלגעמיינע וואַלן אין גאַנץ רוסלאַנד. צוליב דעם האָבן אַלע עקסיסטירנדע דאַן 8 יידישע פּאַרטייען אויסגעוויילט אַן אָרגאַניזאַציאָנס-קאָמיטעט פון פאָרשטייער פון אַלע פּאַרטייען, וועלכער האָט געדאַרפט דורכפירן די וואַלן, צוגרייטן אַ פּראָגראַם פון פראַגן און אָרגאַניזירן דעם צוזאַמענפאָר. די אַלע פּאַרטייען האָבן זיך פאַרשטענדיקט בראש פון קאָמיטעט צו שטעלן קריינינען. און ווירקלעך איז עס געלונגען דורכפירן די גרויסע וואַלן ביז צום סוף. ס'זיינען שוין פאַרגעקומען די וואַלן, אָבער דער אָקטיאַברישער איבערקער האָט ניט געגעבן די מעגלעכקייט דעם צוזאַמענפאָר צו פאַרווירקלעכן.

אין יאָר 1918 איז צונויפגערופן געוואָרן אַ צוזאַמענפאָר פון גרויסרוסישע יידישע קהילות אין מאָסקווע. אין אים האָבן אויך אָנטיילגענומען אַלע יידישע פּאַרטייען אויסער דער קאָמוניסטישער. אין דעם אויסגעוויילטן צענטראַלן ועד אין קריינין אַריין אַלס וויצע-פאָרזיצער. דער צענטראַל-ועד האָט עקסיסטירט ביז סוף 1918, ווען ער איז געוואָרן אויפגעלייזט פון דער מאַכט. אין יאָר 1919 אויף דער אוקראַאינישער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג אין קיעוו איז קריינין אויסגעוויילט געוואָרן אַלס דעלעגאַט צוזאַמען מיט נאָך פיר דעלעגאַטן אויף דער פּאַריזער קאָנפערענץ. קריינין איז אָבער דאַן ערנסט קראַנק געוואָרן און האָט ניט געקאָנט פאָרן.

אין 1920 איז קיין מאָסקווע געקומען די ערשטע דעלעגאַציע פון „דזשוינט" צו העלפן די יידישע באַפעלקערונג. דער „דזשוינט" האָט געשטעלט דאַן אַלס אַ באַדינגונג, אַז אין דעם אָרגאַן, וואָס איז צוליב דעם געגרינדעט געוואָרן „יעוו. אָבשטשעסטקאָם", זאָלן אַריין אַ דריטל פאַרטרעטער פון אומפּאַרטייאישע, פריערדיקע טוער. ניט ווילנדיק האָט קריינין געמוזט אַריין אין פרעזידיום פון דעם קאָמיטעט — איבער 9 חדשים האָט קריינין געאַרבעט. אָבער צום סוף האָט ער געמוזט אַרויס.

אינמיטן 1921 איז קריינין אַרויסגעפאָרן פון רוסלאַנד און זיך באַזעצט אין בערלין. פאַר דער צייט האָט ער אָנטיילגענומען אין פּראַגער עמיגראַציע-קאָנפערענץ, אַריין אין קאָמיטעט „עמיגדירעקט", וואָס איז דאַן געגרינדעט געוואָרן; קריינין איז געווען איינער פון די גרינדער פון „אָזע" אין אויסלאַנד. אין יאָר 1925 אויף אַ קאָנפערענץ פון „עמיגדירעקט" איז קריינין געוואָרן אויסגעוויילט אַלס פאָרזיצער. קריינין האָט אויך פיל מיטגעווירקט צו דער גרינדונג פון דער עמיגראַציע-פאַראייניקונג „היאַס—יקאַ—עמיגדירעקט („היקעם"). אין 1928 איז ער געפאָרן קיין דרום-אַמעריקע צוזאַמען מיט פאָרשטייער פון „היאַס" און יק"אַ אויסצופאָרשן די מעגלעכקייטן פון אַנווענדן אַהין די יידישע עמיגראַציע און אָרגאַניזירן די דאָרטיקע געזעלשאַפטלעכע כוחות. ער האָט גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דעם אַרגענטינישן עמיגראַציע-קאָנגרעס, וואָס איז דאַן פאָרגעקומען.

קריינין נעמט אָנטייל אין קאָמיטעט פון די יידישע דעלעגאַציעס אין פּאַריז און אין דער ליגע פאַרן אַרבעטנדן ארץ-ישראל.

אין רוסלאַנד האָט קריינין גענומען אָנטייל פון צייט צו צייט אין דער ערשטער יידישער צייטונג „דער פריינד", אין „וואָסכאָד", „בודושטשנאָסט", „יעווריסקאַיאַ זשיזן" און אַנדערע; אין זשורנאַל „די יידישע וועלט". בשעת ער איז אַרויס אין פּעטערבורג, איז קריינין געווען מיטגליד פון דער רעדאַקציע.

אַ קורצע צייט אין יאָר 1917 האָט עקסיסטירט אין פּעטערבורג די געזעלשאַפט „עקאָנאָמישע אויפלעבונג אין פּאַלעסטינע", וואו קריינין איז געווען דער פאָרזיצער.

די לעצטע יאָרן וואוינט קריינין אין פּאַריז, וואו ער איז איינער פון די דירעקטאָרן אין דער צענטראַלער עמיגראַציע-פאַראייניקונג „היקעם" און וואו ס'איז אין יאָר 1930 אויך איבערגעפירט געוואָרן דער „עמיגדירעקט".

**ראָזנבוים** יעקב חיים. געבאָרן אין ראָזשישטשע (וואָלינער גוב.) אין יאָר 1890 אין אַ סוחרישער פאַמיליע. געלערנט אין אַ חדר און ביי רביים אין דער היים, געווען אַן עקסטערן. אין יאָר 1911 אָנגעהויבן צו שרייבן און אָפּגעדרוקט אַ ליד אין ליפּמאַן לעווינס אַ זאַמלהעפט אויף פּסח. אין זעלבן יאָר געדרוקט דערציילונגען אין דער ווילנער „יידישע צייטונג" און שפּעטער אין „ווילנער וואָכנבלאַט" און אַנדערע ווילנער צייטשריפטן, ווי „דער שטערן", „טאָג", „די וואָך", „לעצטע נייס". „ווילנער זאַמלבוך". אין די יאָרן 1912—1916 געדרוקט דראַמאַטישע זאַכן, ווי „זאָלסט חתונה האָבן" (אַ שפּאַס אין 1 אַקט, אויפגעפירט אין ווילנע); „צוריק אַהיים" (אַ דראַמע אין 3 אַקטן, אויפגעפירט אין ווילנע און ביאַליסטאָק ביי ליפּאָווסקין); „פּאַטום" (עטיוד אין 1 אַקט) און „אין די טעג פון מלחמה" (דראַמע אין 3 אַקטן, אויפגעפירט ביי גנעפּען דורך דעם אַרטיסט מאירסאָן. געשריבן אויך אונטערן פּסעוודאָנים אַבידני.

אין יאָר 1920 אַוועק קיין קאָוונע, וואו געווען 3 יאָר, געאַרבעט אין נאַציאָנאַל-ראַט. דאָרט אָרגאַניזירט צוזאַמען מיט א. מוקדוני (ד"ר קאַפּעל) אין יאָר 1921 די טעגלעכע דעמאָקראַטישע צייטונג „נייס", אין וועלכער ס'האָבן דאַן אויך מיטגעאַרבעט דוד בערגלסאָן, נחום שטיף, בן-אַדיר, קוויטקאָ, נסתר, ז. קאַלמאַנאָוויטש (שפּעטער אויך י. טשערניכאָוו), וואָס זיינען דאַן געקומען פון רוסלאַנד מיטן צוועק צו פאָרן קיין בערלין פאָרצוזעצן די אַרבעט פון „כלל-פאַרלאַג" און זיינען פאַרבליבן בערך אַ יאָר צייט, ווער לענגער, ווער קירצער, אין קאָוונע.

אין יאָר 1923 אַריבערגעפאָרן קיין לעטלאַנד, וואו זיך באַזעצט אין ריגע און איז טעטיק ביז איצט. אין ריגע מיטגעאַרבעט אין „אונזער וועג" און אָרגאַניזירט מיט דער פינאַנסיעלער הילף פון די ריגער כלל-טוער ל. גריבעשאַק, ז. לעווינאַס און א. פינקעלשטיין די דעמאָקראַטישע צייטונג „לעצטע נייס", וועלכע איז ערשינען אין יאָר 1924. ווען אין יאָר 1926 איז מיט דער הילף פון ל. גריבעשאַק, א. פינקעלשטיין און ד"ר ב. דובינסקי געגרינדעט געוואָרן דער ריגער „פרימאָרגן" האָט ר. דאָרט די ערשטע צייט מיטגעאַרבעט. נאָוועמבער—דעצעמבער פון זעלבן יאָר אַרויסגעגעבן צוויי נומערן „אונזער טעאַטער" אין צוזאַמענהאַנג מיט דער גרינדונג פון דעם „נייעם יידישן טעאַטער" אין ריגע, וועלכער האָט דאַן צום ערשטן מאָל באַקומען די מלוכה-סובסידיע. אין די יאָרן 1927—1928 (18 נומערן: 14 אָקט. 1927—2 מערץ 1928; דער לעצטער 19-טער נומער געווידמעט דעם ריגער שטראַנד) אַרויסגעגעבן און רעדאַגירט (די ערשטע 10 נומערן צוזאַמען מיט מ. קיטאַי) „די וואָך", אָרגאַן פאַר ליטעראַטור, קונסט, טעאַטער און פּובליציסטיק, אין וועלכן ס'האָבן מיטגעאַרבעט אויך אַ ריי באַוואוסטע לעטישע קינסטלער און שרייבער, ווי סוטאַ, סטרונקע, סקולמע, ראָבערט קראָדערס א. א., די אָרטיקע יידישע שריפטשטעלער און טוער שאַץ-אַנין, ליאַצקי-בערטאָלדי, מ. קיטאַי, י. כאַרלאַש, יצחק מאַריין, א. יידלסאָן א. א. דער זשורנאַל איז געווען דער ערשטער פּרוּוו פון אַ פאַראייניקונג מיט לעטישע קינסטלער און שרייבער.

אין יאָר 1922 האָט ר. אַרויסגעגעבן אין קאָוונע (צוזאַמען מיט נתן גרינבלאַט און דוד כהן) אַ אינפאָרמאַציע-זשורנאַל פאַר עמיגראַציע-ענינים „דער עמיגראַנט" און שפּעטער אין ריגע דעם „באַלטישן עמיגראַנט", אין וועלכן ס'האָט דאַן מיטגעאַרבעט ד. טשאַרני פון מאָסקווע. פון יאָר 1927 ביז איצט איז ר. דער סעקרעטאַר

פון ביורא פון „היאס—עמיגדירעקט“ אין ריגע. דער פארוואלטער פון ביורא איז א. גריבעשאק (ז. ווייטער ) און די הויפט־מיטארבעטערין — פרוי איימא אבראמסאן. אלס פארטרעטער אין „היקעם“ פון לעטלאנד איז צוזאמען מיט א. גריבעשאק דער באקאנטער טוער און שריפטשטעלער וו. ליאצקי־בערטאלדי.

*** גריבעשאק** אליעזר. געבארן אין ריגע אין יאר 1872. געענדיקט אין ריגע גימנאזיע און צוליב פאליטישע פארפאלגונגען (געווען א ס. ר.) אוועק אין יאר 1891 קיין אמעריקע, וואו געענדיקט דעם פענסילוואנער אוניווערסיטעט אלס צאן־דאקטאר. אין 1907 זיך צוריקגעקערט, אבער אין א יאר ארום ווידער אוועק קיין אמעריקע. אין יאר 1910 געקומען צוריק און זיך באזעצט אין ריגע, וואו פארנעמט זיך מיט זיין פאך ביז אויף היינטיקן טאג און אין יאר 1928 געוויילט אלס מיטגליד פון דער אינטערנאציאנאלער צאן־אקאדעמיע אין וואשינגטאן.

אין 1917 האט ג. צוזאמען מיט זלמן לעוויטאס, געגרינדעט די פאלקספארטיי אין לעטלאנד און אלס נאמינירטער פון דער פארטיי איז ער אין יאר 1919 ביים אנהויב פון לעטלענדישער זעלבשטענדיקייט אריין אלס מיטגליד פון לעטלענדישן פאלקסראט, וועלכער איז געווען די העכסטע אינסטאנץ פון דער מלוכה. צוזאמען מיט די פארטרעטער פון „בונד“ און „צעירי ציון“ האט ג. מיטגעהאלפן דורכפירן אין פאלקסראט די אנערקענונג פון דער יידישער שפראך און דעם נאמען ייד (און ניט עברו). ג. איז געווען דריי יאר ראטמאן פון דער ערשטער יידישער דעמאקראטישער קהילה אין לעטלאנד—ריגע 1920—1923, געוויילט אלס פארטרעטער פון דער פאלקספארטיי, ביזן ארויסטרעטן פון אלע דעמאקראטישע גרופירונגען פון דער קהילה. ג. איז אויך געווען איינער פון די גרינדער און פינאנסיעלער אונטערשטיצער פון דער יידישער דעמאקראטישער און פאלקיסטישער פרעסע אין לעטלאנד (ז. אויבן).

מיט עמיגראציע־ענינים האט זיך ג. פארנומען נאך אין אמעריקע. אין די יארן 1894—1895 געווען איינער פון די ערשטע טוער פון „היאס“ אין אמעריקע אויף עדיסאן סטריט אין ניו־יארק, אין די יארן 1901—1906 געווען אן אמעריקאנער מלוכה־אינספעקטאר אויף עלים־איילענד. אין יאר 1921 איינער פון די גרינדער פון ריגער „היאס“, פון וועלכן ער איז געווארן פירער פון ביורא און אויך א סעקרעטאר פאר די באלטישע לענדער ביזן יאר 1925—1926, ווען אין די לענדער זיינען געווארן באזונדערע ביוראען (ריגע און קאוונע). ווען סוף 1927 האט יק״א אנגעהויבן ארבעטן אויפן עמיגראציע־געביט אין סאוועט־רוסלאנד, איז ג. נאמינירט געווארן אלס פארטרעטער פון יק״א וועגן די באטרעפנדע עמיגראציע־ענינים אין ריגע.

**רובינשטיין** יצחק, רב. הרב ר׳ יצחק רובינשטיין איז געבארן אין יאר 1880 אין דאטנעווע (ביי קיידאן) קאוונער גוב. אין א רבנישע משפחה. געלערנט אין קאוונע, וואלאזשין און אנד. ישיבות, וואו ער האט געשמט אלס „עלוי“. צו 22 יאר האט ער חתונה געהאט מיט דער טאכטער פון גאון ר׳ חיים ירמיהו פלענסבערג פון שאקי, דער שפעטער באקאנטער כלל־טוערין און העברעאישער פובליציסטין אסתר רובינשטיין (געשטארבן אין ווילנע אין יאר 1924, איר אנדענקן איז געווידמעט דאס זאמלבוך „ספר־זכרון להרבנית אסתר רובינשטיין ז״ל“, ווילנע 1926). נאך דער חתונה האט הרב רוב., ניט האבנדיק קיין עלעמענטארסטע וועלטלעכע ידיעות, בלייבנדיק ווייטער ביים בית־מדרש, זיך גענומען צו בילדונג, און אין א מערקווירדיק קורצער צייט אויסגעהאלטן די מאטורע־עקזאמענס אלס עקסטערן. ער קומט אן אויפן יורידישן פאקולטעט פון מאסקווער אוניווערסיטעט, וואוהין ער פארט נאר צו די עקזאמענס, ווידמענדיק ווייטער זיין צייט בעיקר דעם לימוד־התורה. אין יאר 1906 איז ער געווארן רב אב״ד אין געניטשעסק, טאורישער גוב. אין יאר 1909 איז הרב ר׳ יצחק רובינשטיין אויסגעקליבן געווארן אלס ראבינער אין ווילנע.



מיטן איבערפארן קיין ווילנע הויבט זיך אן זיין פילזייטיקע טעטיקייט אויף די פארשיידענע געביטן פון יידישן געזעלשאפטלעכן לעבן. ער איז נאענט באטייליקט אין דער צדקה־גדולה, וועלכע האט דאן קאנצענטרירט די ווילנער יידישע קהלשע געזעלשאפטלעכקייט. אין 1914, ווען ס׳איז אויסגעבראכן די וועלט־מלחמה מיט די מאסן־גרושים, רדיפות און פארשיידענע גזרות אויף יידן, האט הרב רובינשטיין אומאויפהערלעך אינטערוועניר ביי די מיליטערישע פירער פירשט טומאנאוו, קירלאוו, דאנילאוו, אלעקסעיעוו, איוואנאוו און פיל אנד., וועלכע האבן געהאלטן אין זייערע הענט דעם גורל פון הונדערטער טויזנטער יידן. ער איז דאן אויך געפארן צוזאמען מיטן מאסקווער ראבינער מאזע צו ניקאלאי ניקאלאיעוויטש אין בארנאוויטשער סטאווקע. א דאנק זיינע דרייסטע אויפטריטן ביי די רוסישע סאטראפן האט זיין ארבעט אנגענומען א ברייטן פארנעם און געהאט א גרויסן ערפאלג. אזוי האט ער אויסגעווירקט, אז עס זאל בטל ווערן די גזרה וועגן ארויסטרייבן אין משך פון דריי טעג די גאנצע יידישע באפעלקערונג פון טראקער, גראדנער און סאקאלקער קרייזן, וואס האט אויך פארהיט ווילנע אליין פון גרוש. ווי אויך, אז עס זאל בטל ווערן דער גרוש פון עטלעכע צענדליק טויזנט יידישע פליטים און ארויסגעטריבענע פון די פוילישע שטעטלעך, וועלכע האבן זיך געפונען אין ווארשע און ווילנע. ער האט אויך אפגעראטעוועט אין דער לעצטער מינוט דעם היסטארישן ווילנער אלטן בית־עולם, אויסווירקנדיק ביים פירשט טומאנאוו מבטל צו מאכן דעם באפעל אויסצובויען דארט קאזאקישע קאזארמעס.

ווען די דייטשן האבן זיך דערנעענטערט, איז אין ווילנע אויסגעבראכן א פאנישע באוועגונג צו אנטלויפן קיין רוסלאנד אויס מורא פאר די מלחמה־געשעענישן. ווילנע איז פארלאזן געווארן דורך דעם גרעסטן טייל פון איר אינטעליגענץ און כלל־טוער. פארבליבן זיינען די אָרעמערע שיכטן מיט א טרויעריקער פערספעקטיוו פון הונגער און נויט. הרב רובינשטיין האט דאן באקומען א באפעל פון דער מיליטערישער מאכט תיכף ארויסצופארן קיין רוסלאנד און עוואקואירן מיט זיך דעם מעטריקאלן ארכיוו, פאר וועלכן מ׳האט שוין אפילו באשטימט פלאטפארמען. ער האט אבער דעם באפעל ניט געפאלגט — אין עטלעכע טעג ארום זיינען די רוסן אנטלאפן. אזוי איז אפגעראטעוועט געווארן דער ארכיוו פאר די ווילנער יידן.

בשעת דער דייטשער אקופאציע איז הרב רובינשטיין געווען דער פארזיצער פון ווילנער „צענטראל־קאמיטעט“ און דער פארזיצער פון „צענטראלן אונטערשטיצונגס־קאמיטעט“, וואס איז געשאפן געווארן פארן גאנצן געביט „אבער־אסט“, וועלכער האט ארומגענומען די גרויסע שטחים פון ריגע ביז קאוועל און פון דווינסק ביז אונטער ווארשע (גאנץ לעטלאנד, קורלאנד, קאוונער ליטע און פויליש ליטע). דער צ. ק. האט אנגעפירט ניט נאר מיט דער הילפס־ארבעט פאר דעם דאזיקן געביט, נאר אויך מיט דער פאליטישער טעטיקייט. דער פארזיצער פלעגט צונויפרופן קאנפערענצן צו אנטשיידן די וויכטיקסטע פאליטישע פרא־

בלעמען פון יענע שטורעמדיקע צייטן, און האט געפירט אונטערהאנדלונגען אין נאמען פון קאמיטעט.

בעת דעם גרויסן הונגער, עפידעמיעס און כלערליי גזרות איז הרב רובינשטיין שארף אויפגעטראטן ביי דער אקופאציע-מאכט אין ווילנע (פירשט איזענבורג, גראף יארק) וועגן פארגרעסערן דעם ראציאן ברויט און לינדערן די נויט אין די אקופירטע געביטן. ער האט אנגעפירט מיט א גרויסער דעפוטאציע צו די אקופאנטן וועגן פארבאט צו לערנען אין די שולן אדער איינצופירן די דייטשע אונטעריכטס-שפראך, און וועגן די ארעסטירטע לערער, וועלכע האבן דעם פארבאט ניט געפאלגט, און די גזרה איז אפגעשריען געווארן. ער האט אויך צונויפגערופן א גרויסע פראטעסט-אסיפה קעגן דער דייטשער צוואנגס-ארבעט, וואס איז געווען א שרעקלעכע פלאג פאר דער גאנצער באפעלקערונג, און דער רעגירונגס-קאמיסאר שטאלצענבערג האט שטרענג געדראט הרב רוב. צוציען אים צו פאראנטווארטלעכקייט פאר העצן קעגן דער מאכט. ווען די אקופאנטן האבן ארויפגעלייגט 80 פראצ. פון די גרויסע קאנטריבוציעס אויף דער יידישער באפעלקערונג (די א. ג. „צוואנגס-אנלייהע" איז ארויסגעגעבן געווארן אויף די פערזענלעכע נעמען פון הרב רובינשטיין און ר"ר י. וויגאדסקי), האבן הרב רובינשטיין מיט ד"ר י. וויגאדסקי זיך מוטיק אנטזאגט דעם באפעל דורכצופירן און האבן נאך ערמונטערט די ארעסטירטע יידן אויסצוהאלטן דעם נסיון און ניט אונטערצווארפן זיך, כדי ניט צו באווייזן די אקופאנטן א געפערלעכן וועג אויף ווייטער. דאן איז אויך אינטערנירט געווארן ד"ר יעקב וויגאדסקי.

הרב רובינשטיין האט אונטערגענומען שווערע פאליטישע רייזעס קיין אויסלאנד, כדי זיך צו באקלאגן אויף די נגישות פון דער אקופאציע-מאכט וועגן די גרויסע קאנטריבוציעס, אינטערנירונג פון ד"ר וויגאדסקי, צוואנגס-ארבעט, הונגער א. אז. וו. ער האט דאן געפועלט אפצושאפן דעם שטרענגן פארבאט ארויסצופארן פון ווילנע, וואס איז געווען א גרויסע ישועה פאר טויזנטער יידן, וועלכע האבן זיך געראטעוועט אין די קלענערע שטעטלעך פון הונגער און עפידעמיעס. אין בערלין האט ער געהאלטן רעפעראטן פאר די יידישע רייכס-טאגס-אבגעארדנעטע וועגן די שיקאנעס אין אבער-אסט און וועגן לודענדארפס טייוולאנישן פלאן ארויסצושטויסן די יידן אינגאנצן פון זייערע עקאנאמישע פאזיציעס, דורך שאפן ליטוויש-דייטשע שטאטליך מאנאפאליזירטע גענאסענשאפטן (און דורכדעם פטור ווערן פון די יידישע פארמיטלער). אים איז דאן געלונגען צו איבערצייגן די דייטשע פאליטישע קרייזן, און איבערהויפט די סאציאליסטן, אין דער אמתער, אנטיסעמיטישער כוונה פון לודענדארפס „סאציאליסטישן" פלאן, און דעם פראיעקט אפצווענדן. ער האט אויך אינטערווענירט אין דייטשלאנד וועגן דייטש-ליטווישן אפמאך מכח דער טאריבא (לאנדראט), וועלכער האט באעולט די יידישע פארשטייערשאפט. א צווייטן מאל האט ער צוזאמען מיט ש. ראזענבוים, וויצע-פארזיצער פון צ. ק., דערלאנגט א מעמאראנדום צו דער צענטראלער רעגירונג אין בערלין וועגן באריקזיכטיקן די בירגערלעכע און נאציאנאלע רעכט פון די יידן ביים שאפן די מלוכה-ארדענונג אין אבער-אסט. דער רייכס-קאנצלער האט אים דאן צוגעשיקט אן אינטערעסאנטע דעקלאראציע וועגן אנערקענען די יידישע פאדערונגען.

שאפנדיק גלייך פון אנהויב א קאנטאקט מיט די דייטשע הילפס-פאראיינען, פלעגט דער צ. ק. רעגלמעסיק באקומען באדייטנדע סכומים פאר די אקופאציע-געביטן. אין דייטשלאנד האבן אבער קאנקורירט צווישן זיך די פארשיידענע הילפס-קאמיטעטן, ווי „הילפס-פאראיין", „בני-ברית", „אגודה" א. א. דאס האט געצוואונגען הרב רובינשטיין אונטערצונעמען א רייזע קיין דייטשלאנד וועגן קאארדינירן די הילפס-טעטיקייט. אין בערלין, ביי דזשעמס סימאן אין הויז, איז צונויפגערופן געווארן א קאנפערענץ פון די הילפס-ארגאניזאציעס און פראמינענטע פערזענלעכקייטן פון דייטשן יידנטום, וואו הרב רובינשטיין האט געהאלטן א רעפעראט און נאך לאנגע דעבאטן איז באשלאסן געווארן צו גרינדן א פאראייניקונג פון אלע הילפס-קאמיטעטן („פיארד"). „פיארד" (פאראייניגונג יידישער ארגאניזאציאנען דויטשלאנדס) מיט דזשעמס סימאן (פארזיצער) און פאאול נאטאן (וויצע-פארזיצער) בראש האט פיל מיטגעהאלפן ביי דער דייטשער רעגירונג וועגן דער לאגע פון די אסט-יידן.

נאכן אריינטרעטן פון אמעריקע אין וועלט-קריג איז פארבאטן געווארן פון דער אנטאנטע צו שיקן געלט פון אמעריקע אין די אקופירטע געביטן, סיי צו געזעלשאפטן, סיי צו יחידים. דאס האט אין יענער צייט באדייט א הונגער-טויט פאר דעם גרעסטן טייל יידן, וואס האט געלעבט פון אמעריקאנער שטיצע. פריער פלעגן די געלטער גיין דורך דער נייטראלער האלאנד. הרב רובינשטיין האט דאן אונטערגענומען א רייזע קיין האלאנד, כדי זיך צו פארשטענדיקן וועגן דעם ענין. אים איז געלונגען צו באקומען א דיפלאמאטישע וויזע קיין האלאנד מיט א רעקאמענדאציע-טעלעגראמע פון האלענדישן אמבאסאדאר אין בערלין סאנגעמערס צום האלענדישן אויסערן-מיניסטער. אין האאג האט ער דערלאנגט אן אויספירלעכן מעמאראנדום צו דער האלענדישער רעגירונג מיט דער ביטע מיטצוהעלפן און האט אויך אינטערווענירט ביים אמעריקאנער אמבאסאדאר אין האלאנד. דער אמעריקאנער אמבאסאדאר האט אפגעשיקט הרב רובינשטיינס מעמאראנדום מיט א וואַרעמער אונטערשטיצונג צו דעם פאריזער קאמיטעט פון דער אנטאנטע, און דער פארבאט צו שיקן געלט פון אמעריקע איז אראפגענומען געווארן.

דערווייל אבער האט מען אין אב-אסט געהונגערט. הרב רובינשטיין האט אויסגענוצט זיין נסיעה אין האלאנד און האט אנטוויקלט א גרויסע הילפס-אקציע צווישן האלענדישן יידנטום, האט געהאלטן א ריי פארטראגן אין האאג, ראטערדאם, אמסטערדאם און אנדערע שטעט, און האט באוויגן דעם שטאטס-ראט פראפ. אפענהיים, דעם איינפלוסרייכסטן ייד אין האלאנד, זיך צו שטעלן בראש פון דער אקציע. אויף דער צונויפגערופענער פון גאנץ האלאנד קאנפערענץ אין האאג האט הרב רובינשטיין געהאלטן א רעדע וועגן דעם עלנט און פיין אין אב-אסט און ס'איז באשלאסן געווארן צו פערשטארקן די הילפס-אקציע. די סומען פון האלאנד האבן געראטעוועט אין דער צייט, וואס אמעריקע האט אפגעשטעלט די שטיצע.

הרב רובינשטיין האט דאן אויך אויפגעהויבן אין די דייטשע קרייזן פון פראנקפורט, בערלין, קעניגסבערג און אנדערע שטעט א שול-פראפאגאנדע און מיט די געשאפענע ספעציעל פארן חנוך געלטער האט ער געגרינדעט אין ווילנע און פראווינץ רעליגיעז-נאציאנאלע שולן, דעם „ועד-המאוחד", בראש פון וועלכן ער שטייט ביז אויף היינטיקן טאג.

אין יענער הונגער-צייט האט ר. אפילו באקומען ביי די דייטשן מעל אויף מצה פאר גאנץ אב-אסט, און האט אויך געפועלט ביים פוילישן רעגענט לובאמירסקי אין ווארשע אומזיסטע וואגאנעס רייז פאר דער הונגעריקער ווילנע, וואס זיינען צעטיילט געווארן אין די שפיטעלער, יתומים-הייזער און אינטערנאטן.

אין לעצטן יאר פון אקופאציע (1918) האט הרב רובינשטיין צוזאמענגערופן א פאליטישע קאנפערענץ פון ביאליסטאקער, גראדנער, ווילנער און ארומיקע קרייזן, אויף וועלכער ס'זיינען אנגענומען געווארן החלטות וועגן דער פאליטישער האלטונג פון די יידן אין די איבערגאנגס-צייטן און וועגן ארגאניזירן די יידישע קהילות.

צו די וואלן פון דער ערשטער ווילנער דעמאקראטישער קהילה איז הרב רובינשטיין געשטאנען בראש פון פאראייניקטן ארטאדאקסישן צעטל („פאלקס-פאראייני-

קונג") פון וועלכן ער איז אויך געוויילט געוואָרן אין קהילה.

פאַרן אַפּטרעטן פון די דייטשן, האָט צימערלע, דער דייטשער הויך־קאָמיסאַר פאַר די באַלטישע געביטן איינגעלאַדן הרב רוב. אין קאָמיטעט פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן אויף איבערצונעמען נאָך אים די מאַכט.

אין יענער צייט איז הרב רובינשטיין טעלעגראַפיש אַרויסגערופן געוואָרן דורך פּראָפּ. אָטאָ וואַרבורג אין נאָמען פון קאָמיטעט פון די יידישע דעלעגאַציעס אין פּאַריז צו דער שלום־קאָנפערענץ, האָט אָבער ניט געקענט דאַן פאַרלאָזן ווילנע צוליב דער אומקלאָרער פּאָליטישער סיטואַציע. אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט ער אַלס מיטגליד פון קאָמיטעט פון די יידישע דעלעגאַציעס אייניקע מאָל אָנטיילגענומען אין די צוזאַמענפאָרן פון קאָמיטעט (לאָנדאָן, קאַרלסבאַד).

בשעת דער באָלשעוויסטישער אינוואַזיע איז הרב רוב. אויפגעטראָטן אין פאַרשיידענע ענינים, אינטערווענירט און באַפרייט פון תפיסה און אַרויסשיקונג פיל אומשולדיק־אַרעסטירטע, אַפילו געפועלט ביי די באָלשעוויקעס צו געבן מעל אויף מצה פאַר דער יידישער באַפעלקערונג צו קליינע פּרייזן א. אַז. וו.

אין די בלוטיקע אַפּריל־טעג 1919 האָט הרב רוב. אַרויסגעוויזן גרויס מסירת־נפש. בעת די גאַסן־קאַמפן און פּאָגראָם אין שטאָט האָט ער זיך ניט באַהאַלטן און ניט גערוט. צוזאַמען מיט ד"ר צ. שאַבאַד האָט ער דאַן מיט לעבנס־געפאַר אויך אָפּגעראַטעוועט די צום טויט־פאַרמשפּטע שריפטשטעלער ל. יפה און ש. ניגער און צוזאַמען זיינען זיי אַרעסטירט געוואָרן און זיינען געווען אין סכנה דערשאָסן צו ווערן אויף דער גאַס, בשעת זיי זיינען געגאַנגען צום מלוכה־שעף יוזעף פּילסודסקי בעטן אָפּצוהאַלטן די רציחות און רויבערייען. אויפצומאָרגנס האָט הרב רובינשטיין בראש פון א יידישער דעלעגאַציע אויף דער אוידיענץ ביי פּילסודסקין פאַרגעשטעלט דעם פאַרלויף פון בלוטיקן פּאָגראָם. דאַן האָט פּילסודסקי דערפילט דעם פאַרלאַנג תיכף צו שאַפן קאָמיסיעס אויף באַפרייען די מאַסן אומשולדיק־אַרעסטירטע אין ווילנע און וואוהין נאָר זיי זיינען פאַרשלעפּט געוואָרן (קאָנצענטראַציאָנס־לאַגערן אין לידע, ביאַליסטאָק, קראָקע, טשאַרטקאָוו א. אַז. וו.). פּילסודסקי האָט באַפוילן דעם גענעראַל־קאָמיסאַר פאַר די מזרח־געביטן אָסמאָלאָווסקי זיך צו פאַרשטענדיקן אין די אַלע פּרטים מיט הרב רובינשטיין.

שפּעטער, ווען דער קריגס־מיניסטער סאָסנקאָווסקי האָט אינמיטן פאַרוואַרט די ציווילע קאָמיסיע צו באַזוכן די געפאַנגען־לאַגערן, האָט הרב רובינשטיין דערלאַנגט ווידער א מעמאָריאַל צום מלוכה־שעף, פאַררופנדיק זיך אויף זיין הבטחה צו אים, און סאָסנקאָווסקי האָט געמוזט נאָכגעבן. דאַן זיינען באַפרייט געוואָרן העכער 3,000 אַרעסטירטע יידן. ער האָט אויך פיל מיטגעאַרבעט מיט דער אַמעריקאַנער (מאָרגענטויס) און שפּעטער ענגלישער (סעמועלס) אויספאָרשונגס־קאָמיסיעס.

בעת דעם הונגער אין אוקראַינע איז ער געשטאַנען בראש פון א גרויסער הילפּסאַקציע פאַר די הונגעריקע אַלס פאָרזיצער פון א. ג. „הונגער־קאָמיטעט“.

בשעת דער קורצער הערשאַפט פון די ליטווינער אין ווילנע איז הרב רובינשטיין אַלס אויסגעוויילטער דורכן פּאָליטישן קאָמיטעט פון אַלע יידישע פּאַרטייען באַשטימט געוואָרן אַלס באַפולמעכטיקטער מיניסטער פאַר יידישע ענינים אין ווילנער ליטווישן קאַבינעט. ווען זשעליגאָווסקי האָט זיך דערנענטערט איז דער גאַנצער קאַבינעט זיך צעפלויגן, בלויז הרב רובינשטיין איז פאַרבליבן אין ווילנע, און שוין אין עטלעכע טעג אַרום איז ער באַשטימט געוואָרן אַלס מיטגליד פון דער רעגירונגס־קאָמיסיע אויף אויסצופאָרשן די גוואַלדטאַטן קעגן דער יידישער באַפעלקערונג דורכן פּוילישן חייל. די קאָמיסיע האָט געהאַט א מעכטיקע באַדייטונג ניט אַזוי אויף לעבר, ווי זי האָט פאַרהיט פון פיל אומגליקן אויף ווייטער (אַלע מאַטעריאַלן פון דער קאָמיסיע געפינען זיך אין הרב רוב. היסטאָרישן אַרכיוו).

ווען ס'האָט זיך געהאַנדלט וועגן דער אינקאָרפּאָראַציע פון ווילנע אין פּוילן איז הרב רוב. צוזאַמען מיט ד"ר י. וויגאָדסקי און ד"ר צ. שאַבאַד אַרויסגערופן געוואָרן אויף אונטערהאַנדלונגען קיין וואַרשע צום פּוילישן פּרעמיער פּאַניקאָווסקי און אויסערן־מיניסטער סקירמונט. וועגן דעם ענין האָט דער פּרעמיער פון דער מיטל־ליטווישער רעגירונג מיישטאָוויטש אַפילו באַזוכט הרב רוב. אינדערהיים. אויך דער פאָרזיצער פון דער פעלקער־בונד קאָנטראָל־קאָמיסיע שאַרדיני פלעגט שטענדיק קומען צו הרב רובינשטיין מיט באַזוכן וועגן ענין ווילנע און דער באַציאָנג פון די יידן.

ווען ווילנע איז איבערגעגאַנגען צו פּוילן האָט הרב רובינשטיין געהאַט פיל אַרבעט וועגן דער בירגערשאַפטס־פראַגע. טויזנטער יידן פון די קרעסן זיינען לויט די פּוילישע פאַרשריפטן אָנערקענט געוואָרן אַלס פרעמדע בירגער (אָבצעקראַיאָוצעס), ער האָט אומאויפהערלעך אינטערווענירט וועגן אָפּהאַלטן די גרושים, פלעגט צושטעלן נאָכאַנאַנד מעמאָריאַלן צו דער רעגירונג וועגן דער אָנגעווייטאָקטער פראַגע. ווען הרב רובינשטיין איז אין יאָר 1922 אויסגעוויילט געוואָרן אין סענאַט, איז ער אויפגעטראָטן וועגן דעם ענין אין די קאָמיסיעס און אויפן פלענום. ער איז דאַן איינגעלאַדן געוואָרן דורכן וויצע־פּרעמיער טוגוט אָנטיילצונעמען אין דער קאָמיסיע אויסצואַרבעטן די בירגערשאַפטס־פאַרשריפטן, אין רעזולטאַט פון וועלכע זיינען אייניקע קאַטעגאָריעס יידן אָנערקענט געוואָרן פאַר פּוילישע בירגער.

אין 1927 איז הרב רובינשטיין ווידער אויסגעקליבן געוואָרן אין סענאַט פון ביאַליסטאָקער און קיעלצער וואָיעוואָדסטוועס. אין ביידע סענאַטן איז ער געווען א שטענדיקער מיטגליד פון בילדונגס־קאָמיסיע און ער איז אָפט אַרויסגעטראָטן אויפן געביט פון אינערן־ און שול־פּאָליטיק אין די קאָמיסיעס און פלענום פון סענאַט.

אין יאָר 1928 אין הרב רובינשטיין ווידער אויסגעקליבן געוואָרן דורך דער נייגעוויילטער ווילנער קהילה אַלס ווילנער קהילה־רב. ער איז צווייטער פאָרזיצער פון געגנט־קאָמיטעט „יעקאָפּאָ“ אין ווילנע, פאָרזיצער פון ווילנער הילפּס־קאָמיטעט, פאָרזיצער פון שטראַשונס־ביבליאָטעק, פון מזרחיסטישער בילדונגס־צענטראַלע „תחכמוני — ועד־המאוחד“, קוראַטאָר און גרינדער פון דעם מזרחיסטישן לערער־סעמינאַר אין ווילנע, גרינדער פון דער מזרחי־אָרגאַניזאַציע אין ווילנער קאַנט (1920), פאָרזיצער פון מרכז המזרחי און מיטגליד פון ועד הראשי פון אַלוועלטלעכן מזרחי. פאָרזיצער פון מועצת קרן־היסוד אין פּוילן, פון ווילנער קרן־היסוד. פון 12־טן קאָנגרעס אָן מיטגליד פון ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט, פון ראַט פון דער יידישער אַגענץ, פון קוראַטאָריום פון העברעאישן אוניווערסיטעט און יודאַאיסטישן אינסטיטוט אין ירושלים, פון דער עקזעקוטיווע פון אַלוועלטלעכן אמונות־קאָנגרעס צו באַקעמפן מלחמות, פון אינסטיטוט צו פאָרשן די מינדערהייטס־פראַגע אין פּוילן א. א.

הרב רובינשטיין באַזיצט א גרויסן היסטאָרישן אַרכיוו פון דער מלחמה־ און אָקופּאַציע־צייט מיט פיל דאָקומענטן, וואָס וואַרטן נאָך אויף זייער באַאַרבעטונג.

(לויט די אייגן־אָנגעוויזענע ארכיוו־מאַטעריאַלן).

**שאַבאַד** צמח, ד"ר מעד. איך בין געבאָרן געוואָרן דעם 5 פעברואַר (ו' אדר) 1864 אַלטן סטיל אין ווילנע אין כאָמינסקעס הויף אויף יאַטקעווער גאַס, וואָס דער אַנדערער טויער גייט אַרויס אויף ברייטע גאַס (אויפן פּלאַץ אַנטקעגן אַלטן טעאַטער). איך בין געווען דער 7־טער אין דער פאַמיליע און געבליבן א מוזיניק. מיין מוטער, א טאָכטער פון יעקב פּיעסקין, דעם באַקאַנטן ראש־ישיבה ראַמיילעס, האָט געהאַלטן אַן אַגולנע גאַלאַנטעריי־קראָם אין יאַטקעווער גאַס, און מיין פאָטער, יוסף זעליק שאַבאַד (ש״ב״ד — שליח בית־דין), איז

געווען אַ מאָסקעווער „זיצער“, ד. ה. פלעגט איינקויפן סחורה אין מאָסקווע און שיקן אין ווילנע. דאַמאָלסט איז נאָך קיין אייזנבאַן נישט געווען, און אין מאָסקווע פלעגט מען פאָרן מיט פערד אויף מינסק און סמאָלענסק. אַזאַ נסיעה פלעגט דויערן אַ וואָכן 3, און ס׳פאַרשטייט זיך — אַפט הין און צוריק פלעגט מען נישט קענען פאָרן. מיין פאָטער פלעגט קומען אַהיים 2 מאָל אַ יאָר — אויף פסח און אויף ימים־נוראים און סוכות.

קיין גרויס שמחה איז מיין קומען אויף דער וועלט נישט געווען. מיין מוטער איז שוין דאַמאָלסט אַלט געווען אַ יאָר 38, געהאַט אַ שווערן קימפעט און האָט גיך נאָכן האָבן געמוזט גיין אין געשעפט אַרבעטן. מיך האָט מען אָפּגעגעבן צו אַן אַם אויף נאָווגאָראָד און נאָר פון צייט צו צייט פלעגט מען מיך ברענגען אַהיים „ווייזן“. ווען מען האָט מיך אינגאַנצן אָפּגעבראַכט אַהיים, ווייס איך נישט. איך געדענק, אַז ווען איך בין געווען אַלט 4 יאָר, האָבן מיר געוואוינט אויף דייטשע גאַס אין ראַשעמילעס הויף (שפּעטער סאָלץ־הויף, איצט נומ׳ 27). פון דאָרטן פלעג איך אָפט איבערלויפן אויף דער אַנטקעגנדיקער לאַווע און נישט איינמאָל געקראָגן שמיץ מיטן בייטש פון די „איזוואָשציקעס“, וואָס פלעגן מיך שיר נישט איבערפאָרן. צו יענער זייט לאַווע פלעגט מיך שטאַרק צוציען אליהו קאַסאָווסקיס קראָם מיט צאַצקעס, וואו איך פלעג קענען אָפּשטיין שעהן־לאַנג און קוקן אין די פענסטער.

צו 4—5 יאָר האָב איך אָנגעהויבן גיין אין חדר צוזאַמען מיט מיין שוועסטער, וואָס איז געווען מיט 1½ יאָר עלטער פאַר מיר. דער דאָזיקער דרדקי מלמד איז געווען מיטאָווער (דעם ד״ר מיטאָווערס פאָטער), פיל האָב איך זיך ביי אים נישט אויסגעלערנט. איך געדענק, אַז איך בין געווען אַזוי קליין, אַז כדי צו דערגרייכן צום טיש, פלעגט מען מיר אונטערשטעלן אויפן באַנק אַ קליינע קעסטל פון ליכט. דערנאָך האָט מען מיך אָפּגעגעבן צו שלמה סגל „די קורצע הענטל“, וואָס האָט געוואוינט אויף רודניצקער גאַס אין דאַמייסקעס הויף (איצט נומ׳ 10). ער פלעגט אונז אָפט שלאָגן מיט זיין זשאַזשקע אין דלאָניע, און דערביי פלעגט מען מוזן אַליין אויסשטרעקן די האַנט. פרייטאָג פלעגט ער מאַנכע קינדער שמייסן גלאַט אַזוי, כדי זיי זאָלן זיך שבת גוט אויפפירן. דערביי פלעגט מען אוועקלייגן אַ שטענדער אינדערלענג, און דאָס יינגל פלעגט זיך אַליין מוזן לייגן. שלמה סגל האָט געהאַט אַ באַהעלפער, וועלכער פלעגט די גאַנץ קליינע קינדער אָפּפירן אַהיים. אין חדר פלעגט מען לערנען פון 9—10 פרי ביז 6—7 אינאָוונט, אַפילו ווינטער. דער



דריטער רבי מיינער איז געווען ניסן יאַנקל פינמאַנאָוויטש, אַ ליבער מענטש, אַ גוטער בעל דקדוק; (געוואוינט אין יעדימאַנסקיס זאַוואָולעק אין געלפּיים הויף).

נאָך איידער איך בין געוואָרן אַלט 11 יאָר און נאָכדעם ווי מיין זיידע יעקב דוד פיעסקין איז געשטאָרבן (ווינטער 1873), האָט מען מיך אָפּגענומען פון חדר און שוין אָנגעהויבן צוצוגרייטן צו גימנאַזיע. אַפּריער האָט מיט מיר געלערנט מיין פאָטערס שטיפברודער בענדעט שאַבאַד (ער האָט געענדיקט 8 קלאַסן ראַבינער־שול אין ווילנע און געוואָרן „נאַדזיראַטעל איבער נאַראָדני אוטשילישטשעס“ און אין די חדרים. דערנאָך איז ער אָנגעקומען אין פעטערבורגער טעכנאָלאָגישן אינסטיטוט, נאָכן ענדיקן אַ קורצע צייט געווען לערער אין אַ מלוכהשער רעאַל־שול אין באַקו (קאַווקאַז), געווען הויזלערער ביים באַקאַנטן אַרמענישן גביר מאַגיעוו (אינהאַבער פון די נאַפטגרובן), דערנאָך אַליין געהאַנדלט מיט נאַפט



(קעראָסין) אין רוסלאַנד און געשטאָרבן דאָרטן — אַן אָרעמאַן) צוזאַמען מיט נאָך אַ יינגל זייער אַ פעאיקן, אברהם יאָפע, ישעיה יאָבעס זון. איך האָב געהאַט אַ לערער אַ „טיערן“ (זאַרכי) פאַר 5 רובל אַ חודש. עטלעכע חדשים האָב איך ביי אים געלערנט צוזאַמען מיט מיין שוועסטערקינד וואָלף מאַקאָווער (שפּעטער אינזשענער). די רוסישע למודים זיינען מיר אָנגעקומען נישט לייכט, און קיין התמדה האָבן זיי ביי מיר נישט אַרויסגערופן: איך האָב זייער נישט געוואָלט לערנען, הגם דער חשק אָנצוקומען אין גימנאַזיע איז ביי מיר געווען זייער גרויס און נאָך גרעסער איז געווען דער שרעק פאַר די עקזאַמענס. אינטערעסאַנט זיינען מיר געווען די מעשיות פון דער כרעסטאָמאַטיע פּאַולסאָן, אָבער קרילאָוון פלעג איך שילטן, פאַרוואָס ער האָט געשריבן אַזוינע „באַסנעס“, וואָס מען פלעגט מוזן לערנען אויף אויסווייניק, און אויך מאַלינענען, וואָס די אַריפמעטישע כללים האָט מען אויך געמוזט קענען אויף אויסווייניק.

מיטן אָפּגעבן די „פּראָשעניעס“ אין גימנאַזיע האָט זיך פאַרנומען מיין ברודער



איזידאָר שאַבאַד, וואָס איז שוין געווען אַ סטודענט אין ריגער פּאָליטעכניקום (געענדיקט 7 קלאַסן ראַבינער שול בעת זי האָט זיך פאַרמאַכט אין 1872). געזאָלט האָב איך אָנקומען אין גימנאַזיע, ווייל איך האָב שוין צו 10 יאָר געחלומט צו זיין אַ דאָקטאָר. דער עיקר האָט אויף דעם דאָזיקן באַשלוס געווירקט דער איינדרוק, וואָס האָט געמאַכט אויף אונז אַלעמען איינער סקורכאָוויטש. ער איז אַמאָל געווען אַ ישיבה־בחור ביי מיין זיידן, איז געפאָרן שטודירן אין פעטערבורג און געוואָרן מיליטער־דאָקטאָר. אָט דער סקורכאָוויטש (קוזמאַ קאָנסטאַנטינאָוויטש) איז אַמאָל געקומען צו אונז שבת בייטאָג אָפּגעבן אַ גערוס פון מיין שוועסטער פון מאָסקווע. ער האָט געטראָגן אַ „פולע מיליטערישע אוניפאָרם“ מיט גרויסע אַראָפּהענגענדיקע שליפעס אויף די אַקסלען, אַ שווערד מיט אַ ווייסן פרענדזל און ווייסע זעמשענע הענטשקעס. ביים אַריינגיין האָט ער אַראָפּגענומען זיין ברייטע מיליטערישע היטל מיט אַ קאָקאַרדע, אַריינגעלייגט אַהין די הענטשקעס און גערעדט רוסיש. ער האָט געטראָגן בריל, אַ קליינע באַקנבאָרד און גרויסע וואָנצעס. אָט אַזאַ דאָקטאָר האָט זיך מיר געוואָלט זיין.

מיט מיינע עלטערן האָט סקורכאָוויטש גערעדט יידיש (ס׳פאַרשטייט זיך, אַ גאַנץ גוטן). און מיין ברודער האָט ער געוויזן אַ גראָבן העפט מיט זיינע געשריבענע רוסישע פערזן, וואָס אויף דער ערשטער זייט איז געווען אָנגעקלעפּט זיין פאָטאָגראַפיע. שפּעטער איז סקורכאָוויטש געוואָרן אויס מיליטער־דאָקטאָר. האָט אַרויסגעגעבן אַ קליינעם פּאָפּולערן זשורנאַל „דאָקטאָר“, וואו ער פלעגט אַליין שרייבן אַלע אַרטיקלען אונטער פאַרשיידענע איניציאַלן. ער האָט געוואוינט אין מאָסקווע און פון יידישן לעבן געווען זייער וויט. מען האָט דערציילט, אַז זיין ווייב איז „אַנטלאָפן מיט אַן אָפיצער“, און וואָס איז מיט אים ווייטער געוואָרן, ווייס איך נישט. דוכט זיך ער האָט זיך געשמדט.

אין ווילנע איז אין די 70־ער יאָרן געווען איין 8־קלאַסיקע גימנאַזיע, איין 6־קלאַסיקע פּראָגימנאַזיע און אַ 7־קלאַסיקע רעאַל־שול מיט אַ קאָמערץ־אָפּטיילונג. פון 6 קלאַסן די פּראָגימנאַזיע האָט זיך געעפנט אין אַ יאָר אַרום ווי ס׳האָט זיך פאַרמאַכט די ראַבינער־שול, און איז טאַקע געווען פול מיט יידן. די וואָס האָבן געענדיקט 6 קלאַסן פּראָגימנאַזיע, פלעגן אַריבערגיין אַן עקזאַמען אין 7־טן קלאַס גימנאַזיע (2 פּאַראַלעלע קלאַסן). שפּעטער האָט זיך די גימנאַזיע פאַרוואַנדלט אין אַ 2־טער פולע 8־קלאַסיקער גימנאַזיע.

קיין שום באַגרענעצונגען ביים אָנקומען

אין די שולן פאַר ייִדן איז דאַמאָלסט ניט געווען, נאָר אָנגענומען פלעגן ווערן די וואָס פלעגן ביים עקזאַמען באַקומען בעסערע מיינונגען. מיין ברודער האָט אָפּגעגעבן מיינע פּאַפּירן אי אין גימנאַזיע, אי אין רעאַל-שול (די עקזאַמענס זיינען געווען ניט אין איין טאָג). איך האָב אין גימנאַזיע באַקומען 2 פירן און איין פינף (דיקטאַנט, רוסיש און אַריפמעטיק), און אין רעאַל-שול—2 פינפן און איין פיר. אַזוי אַרום בין איך אָנגעקומען נים אין גימנאַזיע, נאָר אין רעאַל-שול.

די גימנאַזיע און די פּראָגימנאַזיע האָבן זיך דאַמאָלסט געפונען אין בנין פון איצטיקן אוניווערסיטעט. דער אַריינגאַנג אין פּראָגימנאַזיע איז געווען פון אוניווערסיטעט-גאַס (פריער דוואָרצאָווע גאַס). די רעאַל-שול איז געווען אין בנין פון דער איצטיקער אַזשעשקאָווע גימנאַזיע, לעבן דעם דאַמאָלסטיקן ייִדישן לערער-אינסטיטוט (איצט געפינט זיך דאָרטן די קהילה, דער מוזיי פון דער היסט.-עטנאָגר. געזעלשאַפט, ביידע לערער-סעמינאַרן און אַ פאָלקס-שול „לייזער גורוויטש").

די גימנאַזיסטן פלעגן טראָגן קעפּקעס און מונדירן פון בלאָער געוואַנט מיט ווייסע מעשענע קנעפּ, און די רעאַליסטן—פון טונקל-גרינער געוואַנט מיט געלע קנעפּ. די זעלבע פאַרבן האָבן אויך געהאַט די מאַנטלען (שינעלן). ביידע אוניפאָרמען—בעת זיי זיינען געווען ניי — זיינען געווען זייער שיין און געהאַט אַ געוואַלטיקע צוציאונגס-קראַפט. דאָס רוב פלעגט מען אַזוינע בגדים קויפן פאַרטיקע אין אַ טאַנדעט-קראָם אויף יאַטקעווער גאַס ביי מיניקעסן.

אין רעאַל-שול איז נאָך דאַמאָלסט אין 1874/5 געווען ווייניק ייִדן — אַן ערך 20. אין די ערשטע 3 קלאַסן זיינען געווען 2 פּאַראַלעלע אָפּטיילונגען. אין דער ערשטער אָפּטיילונג זיינען געווען בלויז קריסטן, פון מער אַריסטאָקראַטישע פאַמיליעס, די עטלעכע ייִדן האָט מען אָנגענומען אין דער 2-טער אָפּטיילונג. אגב האָט מען אין דער ערשטער אָפּטיילונג געצאָלט מערניט 30 רובל אַ יאָר, און אין דער צווייטער — 60. איבעריקנס האָבן דאָס רוב פּראַוואָסלאַוונע קינדער ניט געצאָלט קיין שכר-למוד, ווי קינדער פון באַאַמטע, דער עיקר פון די גרענעץ- (צאָל) באַאַמטע. אַזוינע ניט קיין היגע פלעגן וואוינען אויף באַשטעטיקטע דורך דער שול-מאַכט שילער-וואוינונגען אָדער אין „קאָנוויקט".

בעת איך בין געווען אין 3-טן קלאַס רעאַל-שול, איז דאָס יאָר אגב געווען אַ „גליקלעכער יאָר" פאַר די תלמידים; דאָס איז געווען אין 1876—1877 בעת דעם רוסיש-טערקישן קריג. ווען כמעט עטלעכע מאָל אין וואָך פלעגט מען אָפּלאָזן די תלמידים פון די למודים, צוליב פאַרשיידענע „נצחונות" אין דער מלחמה. פּלעווענע, אַ שטייגער האָט מען „גענומען" 3 מאָל.

אין רעאַל-שול בין איך אָבער לאַנג ניט פאַרבליבן. מיין ברודער איז געשטאַנען דערפאַר, אַז איך זאָל אַריבערגיין אין גימנאַזיע, כדי אַמאָל צו האָבן די מעגלעכקייט צו „ווערן אַ דאָקטאָר". דערצו האָט מען געדאַרפט קענען לאַטיין און האָלטן עקזאַמען פון אַלע 3 קלאַסן. מען האָט מיר גענומען אַ לערער פון די גימנאַזיסטן (אַפריער סאָלאָמאָן מינקאָווסקי, דערנאָך בנימין פּאָליאַק (שפּעטער — באַקאַנטער אַדוואָקאַט), וואָס האָט מיט מיך געלערנט לאַטיין. דאָס איז געווען פאַר מיר ניט לייכט, ווייל איך האָב געמוזט אין דערזעלבער צייט אויך צוגרייטן די לעקציעס פאַרן קלאַס. דער עיקר פלעג איך פּלאָנטערן די לאַטיינישע מיט די פראַנצויזישע ווערטער. פונדעסטוועגן האָב איך אין אויגוסט דעם עקזאַמען אויסגעהאַלטן, אָבער דערביי פאַרלאָרן אַ יאָר, ד. ה. אָנגעקומען אין 3-טן קלאַס. אין איין צייט מיט מיר—מיט 1—2 קלאַסן יינגער—האָבן זיך דאַמאָלסט געלערנט אין ווילנער גימנאַזיע יוזעף פּילסודסקי און מיט עטלעכע קלאַסן העכער—דער זון פון גענעראַל סטאָליפּין. אין 8-טן קלאַס איז ער דורכגעפאַלן ביים עקזאַמען און האָט זיך אין גימנאַזיע גופא געשאָסן (אָבער ניט געפערלעך). פאַר אונז איז דאָס געווען אַ גאַנצע געשעעניש.

שבת, דעם 8-טן דעצעמבער 1878 האָט מיט מיר געטראָפן אַן אומגליק. ס'איז געווען אַ קאַטוילישע חגא, די פּאָליאַקן (אַ מערהייט) זיינען אין קלאַס ניט געקומען, און על פּי צופאַל האָבן אויך עטלעכע ייִדן געפעלט. צווישן זיי בין איך אויך געווען. דער אינספּעקטאָר שאַקאַלסקי האָט אונז געשיקט רופן און באַשטראָפט מיט 2 שעה בלייבן אין קלאַס נאָך די למודים. אין אַ פּריוואַטן געשפּרעך מיט די חברים האָב איך פּראָטעסטירט קעגן דער האַנדלונג פון אינספּעקטאָר און אים אָנגערופן מיט אַ זידלוואָרט „סוואָלאָטש". דאָס האָט געהערט אַ שילער יורעוויטש (אַ זון פון אַ פּאָפּ) און געמסרט דעם אינספּעקטאָר. דער איז אין כעס געוואָרן און מיר תיכף געמאָלדן, אַז איך בין אויסגעשלאָסן פון גימנאַזיע. דער אַלטיטשקער נאַדזיראַטעל האָט מיך אַ וויינענדיקן אָפּגעפירט אַהיים.

ס'האָט ניט געהאָלפן קיין בעטענישן. דער אינספּעקטאָר האָט געטענהט, אַז פון מיר „וועט שוין קיין גוטס ניט אַרויסקומען". דער דירעקטאָר באַלוואַנאָוויטש—וואָס האָט פון דער גאַנצער מעשה גאָרניט געוואוסט — איז פונדעסטוועגן געווען אין אַן אַנדער מיינונג, און האָט געפּועלט, אַז מען זאָל מיר שטעלן אַ 4 פאַר ביידע פערטל יאָר אויף אויפפירונג, כדי מיר צו געבן די מעגלעכקייט אָנצוקומען אין אַן אַנדער גימנאַזיע. אין אַ פּאָר וואָכן אַרום איז טאַקע געלונגען דורך פּראָטעקציע פון מיינע ברידער, אַז מען זאָל מיך אָננעמען אין זעלבן קלאַס פון דער ווילנער פּראָגימנאַזיע. אַזוי אַרום האָב איך אין משך פון 6 יאָר באַזוכט אַלע 3 ווילנער מיטלשולן, געהאַט פאַרשיידענע חברים און זיך אָנגעזען פאַרשיידענע דאַמאָלסטיקע פּעדאַגאָגן.

„פּאָליטיש" בין איך דאַמאָלסט געווען זייער רעוואָלוציאָנער, אָבער שטילערהייט. אין 1879 בעת מיין שוין דערמאָנטער פעטער בענדעט (סטודענט-טעכנאָלאָג) האָט ביי אונז אין שטוב דערציילט אין מיין אָנוועזנהייט וועגן דעם אַטענטאַט פון סאָלאָוויאָוון אויפן קייזער אַלעקסאַנדער דעם צווייטן (איך האָב שוין דאַמאָלסט געלייענט וועגן דעם אין די ציימונגען „נאָוואָסטי" און „גאָלאָס" — וואָס פלעגן דאַמאָלסט זייער גענוי שרייבן וועגן פּאָליטישע פּראָצעסן), האָב איך מיטאַמאָל אויסגעשריען: „לעבן זאָל די קאָנסטיטוציע". אַלע האָבן זיך דערשראָקן און געהייסן שווייגן.

נאָך פריער פלעגט מיך זייער אינטערעסירן דאָס סודען זיך ביי אונז וועגן די אַרעסטן פון די ייִדישע יונגעלייט (זונדעלעוויטש, באַרעל, ווינשטיין, באַנדאַס), וואָס זיינען אַריינגעזעצט געוואָרן אין 14-טן נומער, ווייל זיי האָבן געוואָלט „אַראָפּוואַרפן דעם קייסער", און מען האָט ביי זיי געפונען „פאַרבאָטענע ביכלעך". נאָך אַ גרעסערן איינדרוק האָט אויף מיר געמאַכט דער 1-טער מאַרט 1881 (איך בין דאַמאָלסט געווען אין 5-טן קלאַס), ווען מען האָט געהרגעט אַלעקסאַנדער דעם 2-טן. מיר האָבן אין האַרצן געלאַכט פון די לערער אין גימנאַזיע, וואָס האָבן געוויינט פון דער געשעעניש, און פיל פון אונז האָבן זיך אַרויסגעמאַכט פון צו גיין אין גרויסער שול „שווערן דעם נייעם קייזער". אגב אַ גאַנצן יאָר האָבן אַלע גימנאַזיסטן געטראָגן טרויער אויף די אַרבל, און אויף שוואַרצע קרעפּ איז געוואָרן אַ שטאַרקער יקרות. מיט מיין חבר און תלמיד מיכאל מירסקי (ערשט אין אַמעריקע, אַ רייכער מאַן) פלעגן מיר זיך רק שושקענען. נאָר צו ווענדן זיך, כדי אָנצוקומען אין אַ אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע, האָבן מיר ניט געוואוסט. איך בין חושד געווען, אַז לוקאַשעוויטש (וואָס איז געווען מיט אַ קלאַס העכער, דער באַקאַנטער דערנאָך שליסלבורגער אַרעסטאַנט, שפּעטער פּראָפעסאָר אין ווילנער אוניווערסיטעט האָט יאָ עטוואָס געוואוסט. אָבער איך האָב מערניט געזען די

קלוגע קאַריקאַטורן, וואָס ער פלעגט מאָלן און וועלכע פלעגן אַלעמען געפעלן.

אין 1881 זיינען מיינע עלטערן אַריבערגעפאָרן קיין מאָסקווע. און איך בין אויך אַריבער אין 6-טן קלאַס פון דער מאָסקווער 2-טער גימנאַזיע. דאָ האָב איך זיך דורך מיין שול-חבר מענדל מאַרעק [אַ ברודער פון באַקאַנטן פסח (פיאָטר) מאַרעק], וואָס האָט געשריבן שיינע רוסישע פערזן אַלאַ נעקראַסאָוו, נעענטער באַפריינדעט מיט אַ רעוואָלוציאָנערן קרייזל — מיט מיכאַיל גאָץ (געווען מיט אַ קלאַס נידעריקער פון מיר), אָסיפ מינאָר, רובינאָק (יונג געשטאָרבן), טערעשקאָוויטש, איסידאָר פונדאָמינסקי (זיך געלערנט אין רעאַל-שול) א. א. אין אונזער קרייזל זיינען אויך געווען אַ פּעאיקער און קלוגער גימנאַזיסט לאַמאַמקין, זובאַטאָוו (שפּעטער באַרימטער זשאַנדאַרם), אַקושערקעס, טעכניקער א. א.

דער פועל-יוצא איז געווען, וואָס אין 7-טן קלאַס האָב איך זיך שלעכט געלערנט. בכלל גרייטן זיך צו די אַלע לעקציעס און זיי פינקטלעך צו באַזוכן איז געווען ביי אונז אַ בזיון. מיר האָבן זייער פיל געלייענט — ראַדיקאַלע און פאָלקיסטישע רוסישע ליטעראַטור, די רוסישע זשורנאַלן און פאַרבאָטענע ביכער פון טשערנישעווסקי, מירטאָוו (לאַווראָוו), עקאָנאָמישע (מיל, מאַרקס), פילאָזאָפישע (לעסעווימש) א. א. צו קאָנטראָל האָט מען אין קרייזל געפאָדערט, אַז מען זאָל שרייבן קאָנספּעקטן פון דעם, וואָס מיר האָבן געלייענט. אַ היפּשע צאָל קאָנספּעקטן זיינען ביי מיר געבליבן נאָך עד-היום.

צוליב דער רעוואָלוציאָנערער שטימונג בין איך (צוזאַמען מיט טערעשקאָוויטשן) אַרויסגעטראָטן פון גימנאַזיע און אַנגעקומען אין וועטערינאַר-אינסטיטוט אין קאַזאַן. ס'האָט זיך מיר געוואָלט וואָס גיכער ווערן אַ „סטודענט", זיין פריי און ניט האָבן אויף זיך די השגחה פון די לערער. די גימנאַזיע איז מיר נמאס געוואָרן. מיט די עלטערן און אַלע קרובים האָב איך זיך מיט מיינע פּלענער ניט געטיילט. פונדעסטוועגן האָב איך דערנאָך חרטה געקראָגן. איך האָב געהאַלטן, אַז אַ דאָקטאָר קען העלפן מערער דער מענטשהייט, ווי אַ וועטערינאַר, כ'האָב צוריק גענומען מיינע פּאַפּירן פון קאַזאַן, געזעסן אַ יאָר אינדערהיים און זיך גענומען גרייטן צום עקזאַמען אויף עקסטערן. אין מאַי 1884 האָב איך אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען פון אַלע 8 קלאַסן אין טולע און אין דעם דאָזיקן אַרויסלאַז איז אויך געווען דער באַקאַנטער רוסישער שרייבער סמידאָוויטש (ווערעסאַיעוו). אין סעפּטעמבער בין איך גלייך אַנגענומען געוואָרן אויפן מעדיצינישן פאַקולטעט אין מאָסקווע.



קיין פּראָצענט-נאָרמעס זיינען נאָך דאַמאָלסט ניט געווען, ס'איז נאָך געווען חל דער אַלטער סטאַטוט. ווער ס'האָט נאָר געענדיקט אַ גימנאַזיע אין מאָסקווער בילדונגס-קרייז, איז געווען אַנגענומען אין דאָזיקן אוניווערסיטעט.

זומער 1884 האָב איך געהאַט די געלעגנהייט זיך צו באַקענען מיטן רוסישן דאָרף. איך בין איינגעלאַדן געוואָרן צו גאַסט צו מיינעם אַ חבר מאַרגאָלין, וואָס האָט זיך געלערנט אין טולע אין רעאַל-שול און די עלטערן זיינע האָבן געוואוינט אין יעפּרעמאָווער אויעזד. דאַמאָלסט איז נאָך קיין מאָנאָפּאָל אויף בראָנפן ניט געווען. איינער אַ גוטבאַזיצער פּיסאַרעוו האָט געהאַט אַ גרויסן זאַוואָד פון ספּירט אין יעפּרעמאָוו, און די בראָנפן פלעגט ער פאַרקויפן מאַרגאָלינען. דער ייד ווידער האָט געהאַלטן פון זיך שענקען אין צענדליקער דערפער אַרום און פלעגט זעצן אומעטום זיינע „צעלאָוואַלניקעס". די מאַרגאָלינס זיינען געווען פּשוטע סימפּאַטישע מענטשן, די עלטערן נאָך פרום, די קינדער אינגאַנצן רוסיפיצירט, און צווישן זיי בין איך געווען אַ למדן. איך האָב פאַרבראַכט ביי זיי אַ גאַנצן חודש, זיך געלערנט קאָסענען און רייטן און זיך נעענטער צוגעקוקט צום רוסישן פּויער, וועלכן איך האָב מערניט געקענט פון ביכער. ליב איז מיר געווען די פאַמיליע, נאָענט זייערע אינטערעסן. אָבער אומאַנגענעם איז מיר געווען צו זען, ווי דורך בראָנפן ווערן די פּויערים פאַרשיכורט און זייער האָב און גוטס רואינירט. דאָס איז אגב געווען דער זומער, ווען אין נישני-נאָווגאָראָד אויף קונאַווינע איז בעסטיאַל געהרגעט געוואָרן דורך די פּויערים אַ ייד דייטשעלמאַן, אַן אָנגעשטעלטער פון אַ גרויסער פירמע. טרויעריקע געדאַנקען זיינען מיר דאַן געקומען אויפן זינען, ווען איך האָב געזען די סתירות צווישן מיינע אידעאַלן און דעם אמתן לעבן.

דערווייל האָב איך מיינע רעוואָלוציאָנערע חברים פאַרלאָרן, דער גרעסטער טייל פון זיי איז שוין געווען אַרעסטירט, און די פאַרבינדונגען זיינען געווען בלויז אומדירעקטע.

די למודים אין אוניווערסיטעט, וואָס איז דאַן געווען דער בעסטער אין רוסלאַנד, האָבן מיך זייער פאַרכאַפּט. דעם ערשטן יאָר פלעג איך אָפט באַזוכן די לעקציעס אויפן יורידישן פאַקולטעט (וואָס איז דאַן געווען פריי), געהערט טשופּראָווען אויף פּאָליטישע עקאָנאָמיע, טראָאיצקין — פילאָזאָפיע א. א. זייער אויסגענומען האָט דאַן מאַרעקס רעפעראַט וועגן אַנטי-אוטיליטאַריאַניזם אויפן סעמינאַר ביים פּראָפ. זווערעוו. דערנאָך האָבן



מיר שוין צוגעצויגן די נאַטורוויסנשאַפטלעכע למודים — דער עיקר פון נאַטור-פילאָזאָפישן, דאַרווינישן שטאַנדפּונקט.

אין יולי 1886 איז אין דער מאָסקווער ראַדיקאַלער טעגלעכער צייטונג „רוסקי קוריער" ערשינען מיין ערשטע ליטעראַרישע אַרבעט: דריי פעליעטאָנען „יעדינסטוואָ מיראָזדאַניאַ" (די איינהייט אין דער וועלטבאַשאַפונג). שרייבן אין אַזאַ צייטונג וויסנשאַפטלעכע אַרטיקלען איז דאַמאָלסט געווען אַ גרויסער כבוד. דער רעדאַקטאָר לאַנין האָט מיך אַליין צוגענומען אין זיין רייכער ווילע אין באָגאָראָדסק און מיר פאַרגעלייגט צו שרייבן וויסנשאַפטלעכע פעליעטאָנען. האָנאָראַר האָט ער געצאָלט 3 קאָפּ. פאַר אַ שורה. נאָר אין אַ קורצער צייט נאָכדעם איז אין דער זעלבער צייטונג ערשינען אַן אַנטיסעמיטישע קאָרעספּאָנדענץ פון נאָוואָטשערקאַסק מיט אַן אויסגעטראַכטן ליגן. איך האָב אָנגעשריבן דאַן אַ בריוו צום רעדאַקטאָר און אָנגעוויזן, אַז די מעשה קען ניט זיין. בעת איך בין געקומען צו לאַנינען נאָך אַן ענטפער, האָט ער זיך פאַרענטפערט, אַז... די קאָרעספּאָנדענץ האָט ער אַליין געשריבן. איך האָב אים געזאָגט, אַז איך האָב ניט געוואוסט, אַז מען קען, זיצנדיק ביי זיך אין קאַבינעט אין מאָסקווע, שרייבן קאָרעספּאָנדענצן פון נאָוואָטשערקאַסק. און שוין מער מיטן „קוריער" ניט געהאַט צו טאָן. אגב איז טאַקע די צייטונג גיך נאָכדעם געפאַלן, בעת אַ פּאָר יאָר נאָכאַנאַנד איז זי כמעט געשטאַנען אויף איין שטופע מיט „רוסקייאַ וויעדאָמאָסטי".

אין אוניווערסיטעט האָב איך געשריבן אייניקע אַרטיקלען אין „רוסקאַיאַ באָגאַטסטוואָ" אונטער דער רעדאַקציע פון אָבאָלענסקי — „די רעגולאַטאָרישע אייגנשאַפטן פון מענטשלעכן אָרגאַניזם", אַ באַריכט פון אַ פּיראָגאָווישן צוזאַמענפאָר פון די רוסישע דאָקטוירים א"א. זייענדיק באַקאַנט מיט די סטודענטן פון עטלעכע גימנאַזיעס, בין איך געוואָרן אויסגעקליבן אין קאָמיטעט פון דער אַלגעמיינער „סטודענטישער קיך", וואָס האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אויך אין פּאָליטישן לעבן פון דער מאָסקווער סטודענטנשאַפט און געשמט אין מאָסקווע ווי אַ „נעסט פון קראַמאָלע". נאָך די „סטודענטישע אומרוען" איז זי פאַרמאַכט געוואָרן לויט דער מסירה פון דאַמאָלסטיקן אינספּעקטאָר בריזגאַלאָוו. דער לעצטער האָט טאַקע דערנאָך באַקומען אַ פּאַטש אויפן סטודענטישן קאָנצערט דורכן סטודענט סיניאַווסקי (פאַרשיקט אויף קאַווקאַז און אָפּגעגעבן אין סאָלדאַטן). דאָס האָט אַרויסגערופן „סטודענטישע אומרוען", און דער אוניווערסיטעט

איז אויף אַ געוויסער צייט געוואָרן פאַרמאַכט.

די מאָסקווער סטודענטשאַפט — ווי בכלל אין גאַנץ רוסלאַנד — איז געווען זייער ראַדיקאַל און רעוואָלוציאָנער. אַ גרויסע מאָראַלישע און אינטעלעקטועלע שטיצע האָט זי געהאַט פון דער ליבעראַל-ראַדיקאַלער רוסישער פובליציסטיק און ליטעראַטור. די „דיקע זשורנאַלן“, ווי די אַלטע — „סאָווּרעמעניק“ און „רוסקאָיע סלאָוואָ“ — און די נייע — „דיעלאָ“, „אָטעטשעסטווענייע זאַפיסקי“, „רוסקאָיע באָגאַטסטוואָ“ א. א. זיינען געווען די גייסטיקע לעגאַלע מקורים- פון וואַנען די רוסישע יוגנט האָט געשעפט איר אינטעלעקטועלע און פאָליטישע אויסבילדונג. הגם וועלכע ניט איז סטודענטישע פאַראיינען און אָרגאַניזאַציעס זיינען געווען שטרענג פאַרבאָטן און פאַרפאָלגט, האָבן אַזוינע עקסיסטירט הונדערטער, דער עיקר „זעמליאַטשעסטוועס“ (לאַנדסמאַנשאַפטן).

איך פלעג נעמען אַן אַנטייל אין פאַרשיידענע אַזוינע געהיימע קרייזלעך, מיט וועלכע איך האָב געהאַט פאַרבינדונגען, נאָך זייענדיק אין גימנאַזיע. דער עיקר זיינען דאָס געווען „קרייזלעך פון זעלבסטבילדונג“, און אויך „וועטשערינקעס“, אויף וועלכע מען פלעגט אַמאָל אויך טרעפן יונגע ראַדיקאַלע ליטעראַטן און סטאַטיסטיקער, אַ שטייגער וו. גאָלצעוו, וו. פרוגאַווין (באַקאַנטער פאָרשער פון די רוסישע רעליגיעזע סעקטעס), זיין ברודער דער סטאַטיסטיקער, נ. רוסאַנאָוו (שפעטער באַקאַנטער רעוואָלוציאָנער) א. א.

צווישן די יידישע סטודענטן האָבן זיך דאַמאָלסט אָנגעהייבן צו פאַרשפרייטן קרייזלעך פון חובבי-ציון, אין וועלכע ס'האָבן געשפילט אַ גרויסע ראָלע מאַזע (שפעטערדיקער מאָסקווער ראַבינער), יעפים טשלענאָוו (אַ גלענצנדער דיאַלעקטיקער, שפעטערדיקער באַוואוסטער ציוניסטישער פירער), אידעלסאָן, פסח מאַרעק א. א. איך דערמאָן זיך אַן אָוונט חנוכה (בערך אין 1885) אין אַ יידישער גאָרקיך אין זאַריאַדיע. אַלע צימערן זיינען געווען פול געפאַקט פון יוגנט. טשלענאָוו האָט געהאַלטן אין לייענען אַ רעפעראַט וועגן די מכבים. אינמיטן איז אַריין פאָליציע. ס'איז געוואָרן אַ טומל און געלאַף, דער עולם האָט אָנגעהויבן צו לויפן אין אַלע טירן. טשלענאָוו איז אָבער געבליבן זיצן רואיק ביים טיש, די פאַפירן באַהאַלטן אונטערן טישטוך און האָט כלומרשט געגעסן זיינע לאַטקעס.

ס'איז ביי אונז אויך געווען אַ קאַסע פון דער פעטערבורגער „מפיצי השכלה“ (פריער האָט זי זיך גערופן „חברה מרבי השכלה בעמ“), וואָס פלעגט אַרויסגעבן די יידישע סטודענטן פון די הויכשולן



סובסידיעס בתורת הלוואות, וועלכע — צום שאַנד פאַר די שפעטער געענדיקטע אַדוואָקאַטן, דאָקטוירים און אינזשענערן — כמעט קיינער האָט דערנאָך ניט באַצאָלט. די קאַסע איז געווען אַ האַלבלעגאַלע. בראש איז געשטאַנען דער אַדוואָקאַט וולאַדימיר אָסיפאָוויטש האַרקאַווי, אָבער די פאַקטישע באַלעבאַטים זיינען געווען סטודענטן. איין מאָל אין יאָר פלעגט פאָרקומען אַ באַל, וועלכער פלעגט איינטראָגן שיינע עטלעכע טויזנט רובל. בכלל פלעגן די יידישע סטודענטן זיך ניט קענען באַקלאָגן אויף אינדיפערענטיזם מצד דער געזעלשאַפט. פיל פלעגן קריגן שטיצע אויך פון דער אַלגעמיינער סטודענטישער הילפס-קאַסע, און אויך סטיפענדיעס פון אוניווערסיטעט.

אין מיינע סטודענטישע יאָרן (די בעסטע צייט אין מיין לעבן) בין איך געשטאַנען נאָענט צו פאַרשיידענע קרייזלעך — רוסישע און יידישע — און גענומען דאָס בעסטע, וואָס די גייסטיקע מאָסקווע האָט דאַן געקענט געבן. אין איינעם פון די „טאַטיאַנאַטעג“, דעם 12 יאַנואַר 1889 (דעם טאָג פלעגט גאַנץ מאָסקווע פייערן די גרינדונג פון מאָסקווער אוניווערסיטעט), בעת ס'איז ערשינען אין „רוסקייאַ וויעדאָמאָסטי“ דער באַרימטער אַרטיקל פון לעוו טאָלסטאָי („פראַזדניק פראָסוועשטשעניאַ“, איבערגעדרוקט אין טאָלסטאָיס ווערק באַנד XVIII, מאָסקווער אויסגאַבע 1913) קעגן דעם, וואָס מען שיכורט אין דעם דאָזיקן יום-טוב, איז געווען אין דעם רייכסטן מאָסקווער רעסטאָראַן „ערמיטאַזש“ באַזונדערס פריילעך. הונדערטער סטודענטן, געענדיקטע אַקאַדעמיקער, פראָפעסאָרן האָבן זיך געבערידערט; מען האָט געטרונקען, געשטאַנען אויף די טישן און געהייבן דעם גוטן (נאָך בריזגאַלאָוון) אינספעקטאָר ד"ר דאָבראָוו. וועגן צאָלן געלט פאַר די משקאות האָט קיינער פון די סטודענטן גאָרניט געקלערט. די אָפיציאַנטן זיינען געווען צופרידן, ווען מען האָט כאָטש ניט געבראָכן קיין שפיגלען. אין דעם אָוונט — געדענק איך — בין איך געשטאַנען אויף איינעם פון די טישן, אַרומגערינגלט מיט רוסן, אַרמיאַנער און צו איינעם פון אַלע פון די צאָלרייכע נאַציאָנאַליטעטן, וואָס זיינען געווען רעפרעזענטירט אין מאָסקווער אוניווערסיטעט, און אַזוי אַרום פאַרגעשטעלט אַ פאַרברידערונג פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן, וואָס באַוואוינען רוסלאַנד. צווישן טומל און געשרייען אין זאַל האָב איך דאַן פאָרגעלייגט צו שיקן אַ דעפעשע צו לעוו טאָלסטאָי, מיט אַ באַגריסונג און באַדויערן, וואָס צוליב אומאָפהענגיקע סיבות קענען מיר ניט פייערן דעם 12 יאַנואַר אָן בראָנפן. דער פאָרשלאַג איז אָנגענומען געוואָרן מיט הילכיקע אַפלאָדיסמענטן. צי די דעפעשע איז טאַקע אָפגעשיקט געוואָרן, בין איך אין ספק.



פון די יידישע סטודענטן בין איך אין די לעצטע יאָרן אַמנאָענסטן געווען באַפריינדעט מיט לעאָנטי בראַמסאָן, וואָס איז פון קאָוונע אָנגעקומען אין אוניווערסיטעט מיט 2 יאָר שפעטער פאַר מיר צוזאַמען מיט זיין חבר פון גימנאַזיע משה יאָפע (מיינער אַ שוועסטערקינד, דעם ראַסיינערס רבס אַ זון), און פון מיין קורס — מיט מיכאל פעווזנער. קיין אַנטיסעמיטיזם איז ביי אונז כמעט ניט געווען. אין די גרופעס אויף מתים פלעגן מיר אַרבעטן צוזאַמען מיט די קריסטן — געוויינלעך לויט די לאַנדסמאַנשאַפטן, קיין פראַגע וועגן „יידישע מתים“ איז אוודאי ניט געווען. אַמאָל האָב איך געאַרבעט צוזאַמען מיט די טולער חברים (צווישן זיי — 2 זייער סימפאַטישע טאָלסטאָווצעס — בוטקעוויטש און ראַכמאַנאָוו), אַמאָל — מיט די מאָסקווער. איך פלעג זיך אָפט טרעפן מיט קישקינען (שפעטער איינער פון די פירער פון די קאַדעטן), איגומענאָוו (דערנאָך באַקאַנטער זעמסקער טוער), גאָלאָווין (ערשט באַקאַנטער פראָפעסאָר פון אויגנקראַנקייטן), מוראַטאָוו (פראָפעסאָר פון נייראָלאָגיע), מעלניקאָוו-ראַזוועדיאָנקאָוו (פראָפעסאָר פון פאַטאָלאָגישע אַנאַטאָמיע) א. א.

קיין נויט האָב איך אין מאָסקווע קיינמאָל ניט געליטן, פאַר חיונה ניט געדאַרפט זאָרגן: איך האָב געוואוינט צוזאַמען מיט מיינע עלטערן אויף אַ פאַבריק עק שטאָט. דאָ האָב איך — נאָך זייענדיק אין גימנאַזיע — געלערנט מיט די אַרבעטער „גראַמאַטע“ — וואָס איז דאַמאָלסט — פון פאָליציייאישן שטאַנדפונקט — געווען זייער טריף. דאָס לעבן ביי די עלטערן האָט מיר אָבער צוגעגעבן מער כשרות אין די אויגן פון דעם אוניווערסיטעטישן אינספעקטאָר. בעת מען האָט אַלעמען אַרעסטירט אין דער סטודענטישער קיך און איך בין געווען איינער פון די דעזשורנעס, האָט מען מיך גלייך אָפגעלאָזן, ווייל איך האָב זיך פאַרענטפערט מיט דעם, וואָס איך עס אַפילו ניט אין קיך און אַרבעט דאָ מערניט ווי אין אַ פילאַנטראָפישער אינסטיטוציע.

אין מאַי 1889 האָב איך געענדיקט דעם אוניווערסיטעט מיטן טיטל „לעקאַר“ (אַרצט) און באַשלאָסן אַ פאָר יאָר צו בלייבן אין מאָסקווע אַרבעטן אין אַ שפיטאָל, זיך גרייטן צום דאָקטאָר-עקזאַמען און שרייבן אַ דיסערטאַציע. דערביי האָב איך געקענט אויך אַ ביסל פאַרדינען פון פריוואַטער פראַקטיקע, וואוינענדיק אין אַ נומער אויף וואַרוואַרקאַ, לעבן זאַריאַדיע, וואו ס'האָבן געוואוינט דאָס רוב יידן. לויט די אָפיציעלע

ידיעות האָבן זיך אין מאָסקווע דאַן געפונען ניט מער ווי 2 פּראָצ. יידן. ניט לעגאַל אָבער האָבן משתמא געוואוינט מערער. פון דעם איז טאַקע די פּאָליציי נתעשר געוואָרן. חוצדעם האָבן ניט ווייניק געהאַט אין קעשענע טויפשיינען. דאָס האָט דאַמאָלסט ניט געהייסן געשמדט. וואָרעם וועמען גייט עם אָן, וואָס פאַר אַ פּאַפּירן אַ ייד האָט ער ביי ימים-נוראים אין שול דאַוונען און צאָלט אין די יידישע חברות.

אַלנפאַלס דער איינדרוק האָט זיך באַקומען, אַז מאָסקווע איז פול מיט יידן, וואָרעם איינעם און דעמזעלבן יידן פלעגט מען טרעפן אין מיטן וואָך 10 מאָל אין טאָג אויף פאַרשיידענע גאַסן, בעת דער גרעסטער טייל רוסן זיינען געווען אַרבעטער אין די פאַבריקן און זיך באַוויזן אין שטאָט מערניט זונטאָג. אויף די פאַבריקן פלעגט מען אגב דאַמאָלסט אַרבעטן פון 5 פרי ביז 8 אינאָוונט.

ס׳פאַרשטייט זיך, ניט דערפון האָט זיך געשאַפן דער רעגירונגס-אַנטיסעמיטיזם. אָבער די קאָנקורענץ פון די יידן האָט געוויס אויך געשפּילט אַ ראָלע, וואָס אין דער סוחרישער וועלט און אויך ביים קליינבירגערטום (מיעשטשאַנסטוואָ) האָט דער דאָזיקער אַנטיסעמיטיזם ניט געפונען קיין ווידערשטאַנד. פּסח 1891 איז אַרויס דער אַלערהעכסטער באַפעל פון אַלעקסאַנדער דעם 3-טן (אונטערשטיצט דער עיקר דורכן גענעראַל-גובערנאַטאָר, דעם קיסרס ברודער סערגיי), אַז אַלע יידן, חוץ ערשטע גילדעס, דיפּלאָמירטע פון הויכשולן און נאָך אייניקע אַנדערע, ד. ה. די וואָס וואוינען אויפן סמך פון צירקולאַר 1880, זאָלן אין דעם קירצסטן טערמין פאַרלאָזן מאָסקווע און מאָסקווער גובערניע. די רוסישע געזעלשאַפט — מיט אייניקע אויסנאַמען — איז געבליבן דערצו גלייכגילטיק. אַפילו די ליבעראַלסטע „פּראָפעסאָרישע“ צייטונג אין רוסלאַנד, די מאָסקווער „רוסקייאַ וויעדאָמאָסטי“, אין וועלכער ס׳פלעגן נעמען אָן אָנטייל דער גלאַנץ פון דער רוסישער ליטעראַטור און וויסנשאַפט (לעוו טאָלסטאָי, טשצעדרין-סאַלטיקאָוו, גליעב אוספּענסקי, וולאַדימיר קאָראָלענקאָ א. א. און אויך די בעסטע פּראָפעסאָרן) האָט אָנגענומען וואַסער אין מויל און האָט מיט קיין וואָרט ניט פּראָטעסטירט קעגן דער געוואַלדטאַט בנוגע די מאָסקווער יידן. ביי דער צייטונג פלעגט בכלל טרעפן, אַז דאָס איינציקע, וואָס זי פלעגט טאָן, בעת זי האָט ניט געקענט אָדער ניט געוואָלט שרייבן, איז געווען: דרוקן אין דער צייט פון וויכטיקע אינעווייניקסטע פּאָליטישע געשעענישן לייטאַרטיקלען וועגן דער פּאָליטיק פון אויסלאַנד. איך דערמאָן זיך, אַ שטייגער, אַז אין די טעג פון דער קאָראָנאַציע פון אַלעקסאַנדער דעם דריטן (1883), בעת אויף „כאָדינקע“ זיינען געהרגעט געוואָרן הונדערטער מענטשן, איז דער לייטאַרטיקל געווען עפּעס וועגן איינעם פון די לענדער אין אַזיע.

די איינציקע פאַרשטעלטע באַפרידיקונג, וואָס „רוסקייאַ וועדאָמאָסטי“ האָבן די יידן געגעבן אין די שווערע חדשים פון דעם מאָסקווער גרוש פון 1891, איז געווען די באַרימטע מיסטישע דערציילונג פון דעם הערציקן וולאַדימיר קאָראָלענקאָ „יום-כפור“ („כאַפּון“), וואָס האָט זיך גראָד דאַמאָלסט געדרוקט אין דער דאָזיקער צייטונג אין עטלעכע פעליעטאָנען.

דער דערמאָנטער באַפעל האָט געגעבן אַ קלאַפּ דעם גאַנצן רוסישן יידנטום און האָט געהאַט זייער גרויסע פאָלגן נאָך זיך. טויזנטער פאַמיליעס האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אין פּוילן. ס׳האָט זיך אויך פאַרגרעסערט די עמיגראַציע אין אַמעריקע.

אין דער זעלבער צייט אָבער האָט דער מאָסקווער גרוש — ווי אַלע גרויסע פּאָגראָמען — זייער שטאַרק אויפגעוועקט דעם נאַציאָנאַלן געפיל ביי די רוסישע יידן, אַפילו ביי אַזוינע, וואָס זיינען געווען אַסימילירט און זייער ווייט געשטאַנען פון יידישקייט. איך האָב געקענט צוויי משומדים דאָקטוירים אין יאַוזאַ-שפּיטאָל, וואָס האָבן זיך פאַר מיר פּשוט געשעמט צו ווייזן די אויגן און האָבן מיר פאַרזיכערט, אַז זיי זיינען... מיר מקנא.

גלייכצייטיק איז דאַן אַרויס דער פּראָיעקט פון באַראָן הירש צו קאָלאָניזירן די רוסישע יידן אין אַרגענטינע. אַרום דעם דאָזיקן פּלאַן האָט זיך אָנגעהויבן אַ גאַנצע אידעאישע באַוועגונג. וועגן באַראָן הירש האָט מען אָנגעהויבן צו ריידן מיט באַגייסטערונג, זיינע פאָטאָגראַפיעס זיינען געוואָרן פאַרשפּרייט צווישן די יידן פון גאַנץ רוסלאַנד. נאָך עד היום קען מען זען אין די אָרעמע יידישע פאַמיליעס הענגען אַ בילד פון 3 משהס: משה מענדעלסאָן, משה מאָנטעפיאָרע און משה הירש. די דאָזיקע באַוועגונג האָט זיך אַריבערגעוואָרפן אַזש אין אַזעלכע פאַרוואָרפענע ווינקעלעך, ווי אַ שטייגער קאָזמאָדעמיאַנסק, קאַזאַנער גובערניע. צווישן דעם הייפעלע רוסיפיצירטע יידן, וואָס האָבן דאָרטן געוואוינט, האָבן זיך דאָרט געפונען אויך אַ יידישער נאָטאַריוס און אַ יידישע אַקושערין-פעלדשערין (צום באַדויערן, געדענק איך ניט זייערע פאַמיליעס). אונטער דער ווירקונג פון דער ידיעה פון מאָסקווער גרוש און באַראָן הירשס אידעע האָבן זיי גלייך פאַרקויפט זייער האָב און גוטס און באַשלאָסן מיט זייערע פאַמיליעס אַריבערצוואַנדערן קיין אַרגענטינע. די פעלדשערין איז געקומען צו מיר אין מאָסקווע, זיך דערוויסנדיק, אַז איך אינטערעסיר זיך מיט דער עמיגראַציע.

פון איין זייט האָט זיך אין מאָסקווע געגרינדעט אַ קאָמיטעט (אַדוואָקאַט פּוקס, ד״ר ס. ווערמעל א. א.), וואָס האָט געדאַרפט העלפן (דער עיקר יורדיש) די וואָס האָבן געדאַרפט אַרויספאָרן, און פון דער אַנדערער זייט האָבן מיר — אַ קליינע גרופּע יונגעלייט — געוואָלט „רעגולירן די עמיגראַציע“. חוץ מיר זיינען אין דער דאָזיקער גרופּע געווען לעאָנטי בראַמסאָן, די ברידער יוליאוס און בער ברוצקוס א. א. אונזער חבר באָריס קאַצענעלענבאָגען (שפּעטער דער באַקאַנטער דזשוינט-טוער ד״ר באָגען), אַ שילער פון לעצטן קלאַס סטראָגאַנאָוושול, איז אויך געווען צווישן די, וואָס האָבן געמוזט פאַרלאָזן מאָסקווע. ער איז טאַקע גלייך נאָך פּסח מיט זיין יונגער פרוי אָפּגעפאָרן קיין אַמעריקע.

דאָס האָט אונז באַוואויגן פריער פאַר אַלץ זיך פאַראינטערעסירן מיט דער ביזאיצטיקער עמיגראַציע קיין אַמעריקע. מיר האָבן זיך דורכגעשריבן וועגן דעם מיטן אַמעריקאַנער קאָרעספּאָנדענט פון „וואָסכאָד“ ג. פּריים, און ער איז טאַקע דעם זומער אַליין געקומען צו אונז אין מאָסקווע. אָבער פון אונזערע אונטערהאַנדלונגען האָט זיך סוף-כל-סוף גאָרניט אויסגעלאָזן.

דערנאָך האָבן מיר פונאַנדערגעשיקט אַ ריי בריוו — אין אַרגענטינע צו פאַרשיידענע פּערזאָנען, וואָס זייערע אַדרעסן האָבן מיר נאָר געקענט געפינען, מיט גאַנצע אַנקעטעס און פראַגן, וואָס זיינען שייך דער מעגלעכקייט פאַר די יידן צו עמיגרירן. מיר האָבן באַקומען עטלעכע תשובות. צווישן זיי אַ נומער צייטונג „על אמיגאָ דעל פּועבלאָ“ אין שפּאַניש, וואו ס׳איז געווען אָפּגעדרוקט מיין בריוו מיט אַ גענויעם ענטפער, ביי וועלכע באַדינגונגען די יידן קענען קומען אין אַרגענטינע.

איך פּערזענלעך האָב זיך געקליבן צו עמיגרירן קיין צפון-אַמעריקע אָדער אין אַרגענטינע. אָבער די יונגעלייט, וואָס האָבן צוזאַמען מיט מיר געחלומט צו בילדן אין אַמעריקע אַ מין לאַנדווירטשאַפטלעכע קבוצה, זיינען זיך פונאַנדערגעפאָרן. און פון פּאַריז, פון דירעקטאָר פון יק״א זאָנענפעלד, האָב איך באַקומען אַן ענטפער, אַז אין די אַרגענטינער קאָלאָניעס דאַרף מען דערווייל קיין דאָקטאָר ניט האָבן. איך האָב נעמלעך — אויפן סמך פון אַן אַנאָנס פון יק״א, וואָס איז געווען געדרוקט אין דער „בערלינער קלינישער וואָכנשריפט“, אַז מען ברויכט אין די אַרגענטינער קאָלאָניעס אַ „יידישן דאָקטאָר, וואָס קען זשאַרגאָן, האָט אַ יידישע האַרץ און קען צושטעלן די געהעריקע רעקאָמענדאַ.

ציעס פון באַקאַנטע פּערזאָנען" — פאַרגעליגט מיין דינסט.

אַזוי אַרום איז פון מיין עמיגראַציע־שטימונג גאָרניט געוואָרן. אין רוסלאַנד איז דערווײַלע זומער 1891 אויסגעבראָכן אַ שטאַרקער הונגער, וואָס די אָפּיציעלע ציַיטונגען האָבן אָנגערופן „ניט גערעטעניש“. צענדליקער טויזנטער פויערים אין די וואָלגער גובערניעס פלעגן געשוואָלן ווערן פון הונגער, בעת אויף די דרום־באַטן פלעגן בלייבן שטעקן און פוילן הונדערטער וואַגאָנעס מיט תבואה (ווייל די ליניעס זיינען געווען פאַרשטאָפּט) און מען האָט זיי נים געקענט אַריבערפירן אין די הונגער־געגנטן. אויך דער אויסלענדישער אַרויספיר פון תבואה האָט זיך — ניט קוקנדיק אויפן הונגער — לגמרי נים אָפּגעשטעלט.

די רוסישע געזעלשאַפט האָט זיך דאַן ווי אויפגעכאַפּט פון שלאָף און זיך אַ לאָז געטאָן אין דאָרף מיט הילף. ס'האָבן זיך געעפנט טויזנטער קיכן אין די דערפער אויף צו דערנערן די הונגעריקע באַפעלקערונג, דער עיקר קינדער. ס'האָבן זיך געבילדעט הונדערטער געזעלשאַפטן און קרייזלעך אויף צו זאַמלען געלט. אויך אויסלאַנד איז געקומען צו הילף. אַמעריקע האָט געשיקט גאַנצע שיפן קוקורוזע און ווייצן. אַפילו גריכנלאַנד (די קיניגין איז געווען אַ רוסישע פּרינצעסין) איז נים אָפּגעשטאַנען פון שיקן געלט פאַר די הונגעריקע.

די רוסישע ראַדיקאַלע אינטעליגענץ און די אַקאַדעמישע יוגנט האָט אין הונגער געפונען אַ נייע מעגלעכקייט צו פאַרווענדן איר ענערגיע און איז מיט התלהבות געגאַנגען „דינען דעם פאָלק“. רוסישע שרייבער מיט לעוו טאָלסטאָי בראש, זעמסטוואָס, דאָקטוירים, גובּבאַזיצער, רעדאַקציעס פון ציַיטונגען א. א. — אַלע האָבן געעפנט קיכן און באַזונדערס געקליבן נדבות. מיט דעם הונגער זיינען אויסגעבראָכן אויך עפּידעמיעס, און דער נאָכפרעג אויף יונגע דאָקטוירים איז געווען גענוג גרוים. איך האָב זיך געווענדעט מיט מיין אָנבאָט צו איינער פון די מאָסקווער פירמעס, וואָס האָט אויך געזוכט דאָקטוירים. אָבער מיין דיפּלאָם איז איבערגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט, און מען האָט מיר געמאָלדן, אַז... דערווײַל דאַרף מען שוין נים. דאָס איז שוין געווען אַ פּועל־יוצא פון דעם מאָסקווער סוחרישן אַנטיסעמיטיזם. אין דעמזעלבן זומער האָט דער ניזשני־נאָווגאָראָדער גובערנאַטאָר באַראַנאָוו אַרויסגעגעבן אַ מין נעקראָלאָג אויפן טויט פון דעם יידישן דאָקטאָר אידעלסאָן, וואָס איז געפאַלן אַ קרבן פון זיין פּראָפעסיע (געשטאָרבן פון פלעקטיפוס), „נים קוקנדיק, וואָס ער איז געווען אַ ייד“. אין רוסלאַנד האָבן זיך אָנגעהויבן „הונגער־אומרוען“.



אין אַ יאָר אַרום, אין 1892, האָט גאַנץ רוסלאַנד אַרומגעכאַפּט אַ שטאַרקע עפּידעמיע פון כאָלערע. ווי געוויינלעך, האָט זי זיך אָנגעהויבן פון אַסטראַכאַן — וואו זי איז פאַרטראָגן געוואָרן מיט די שיפן — און זיך אָנגעהויבן צו פאַרשפּרייטן אין דער ריכטונג פון דער וואָלגע. על פי צופאַל האָט זיך דאַן געווענדעט צו מיר אַן אַריסטאָקראַטישע דאַמע אָלגאַ נאָוויקאָוואַ מיטן פאָרשלאָג צו פאָרן צו איר זון אין גוט, דעם זעמסקי נאַטשאַלניק, אַלעקסאַנדער נאָוויקאָוו, אין טאַמבאָווער גובערניע, קאָזלאָווער אויעזד, אויפן קאַמף מיט דער כאָלערע. די באַדינגונגען זיינען געווען זייער גוטע — 400 רובל אַ חודש און פרייע באַפלעגונג — און איך האָב דעם פאָרשלאָג זייער גערן אָנגענומען. דערביי האָב איך אַליין אָנגעוויזן, אַז איך בין אַ ייד, און אָפן געפרעגט, צי איז דאָס נים קיין שטער, בפרט נאָך אַז איר זון איז אַ זעמסקי נאַטשאַלניק. דאָס איז געווען אַן אמת, וואָס אין די רעאַקציע־ציַיטן פון אַלעקסאַנדער דעם 3־טן איז ער געווען איינגעפירט אין די אויעזדן אַנשטאָט די ליבעראַלע פרידנס־ריכטער. פרוי נאָוויקאָוואַ האָט מיר דאַן אָפּגעשיקט צו אירן אַ בעל־יועץ, אַ מאָסקווער דאָקטאָר שטורם, וועלכער האָט מיך פאַרזיכערט, אַז אַלעקסאַנדער נאָוויקאָוו איז זייער אַ ליבעראַלער מענטש. פון זיכערקייט וועגן האָט ער אים נאָך טעלעגראַפירט וועגן מיינע ספקות און גלייך באַקומען זייער אַ באַפרידיקנדן ענטפער. דערנאָך האָב איך שוין קאָנסטרואירט מיין „אַמריאַד“ אַזוי, אַז מיר האָבן איינגעלאַדן נאָך אַ דאָקטאָר, מיין שוועסטערקינד יאָפּע, 2 סטודענטן, פון וועלכע איינער איז געווען אַ ייד (פּיילעס) און דער אַנדערער אַ ליטווינער (יאַנושייטיס), 2 פעלדשאַרעס — איינעם אַ פּאָליאַק, אַ ווילנער (קאַסיטש) און איינעם אַ רוס און 2 סאַניטאַרן — אָרטיקע פויערים.

איך האָב פאַרבראַכט אין דער פאַמיליע נאָוויקאָוו 2½ חדשים און זיך זייער מיט איר באַפריינדעט. די מוטער אָלגאַ נאָוויקאָוואַ האָט שטענדיק געוואוינט אין לאָנדאָן, געווען זייער נאָענט מיט גלאַדסטאָנען און האָט אַ לאַנגע צייט געשפּילט אַ גרויסע פּאָליטישע ראָלע אַלס אַ מין אַגענט פון דער רוסישער רעגירונג. איר פאַרשטאָרבענער מאַן איז געווען קוראַטאָר אין פּעטערבורג, דעם מאַנס ברודער — באַטשאַפטער אין ווין, און איר ברודער גענעראַל קירייעוו איז געווען אַדיוטאַנט ביים גרויספירשט קאָנסטאַנטין ניקאָלאַיעוויטש און געוואוינט אין פּאַוולאָווסק. איר איינציקער זון, אַלעקסאַנדער איוואַנאָוויטש, איז געווען אַן אינטערעסאַנטער טיפּ. ער האָט געענדיקט מאָסקווער אוניווערסיטעט, חתונה



געהאַט אויף אַ רייכער סוחרישער טאָכטער שאַבליקין, זיך מיט איר געגט און געווען דערפאַר אונטערגעוואָרפן אונטער אַ מין חרם פון דער רוסישער קירך. דערנאָך איז ער געוואָרן אַ בעל־תשובה, אָנגענומען די שטעלע פון אַ זעמסקי נאַטשאַלניק אין אויעזד, וואו ער האָט געהאַט אַ גוט (2.000 דעסיאַטין) און אויסגעבויט דאָרטן אַ צערקאָוו און אַ שול. שפּעטער האָט ער ניט לעגאַל חתונה געהאַט מיט אַן אָרעמער דאָרפס־מיידל, וואָס האָט ניט געקענט ניט לייענען, ניט שרייבן, און זיך פאַרנומען מיט העלפן זיינע פויערים אין קאַמף מיטן הונגער און דערנאָך קעגן דער כאָלערע. מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער האָט נאָוויקאָוו שטאַרק קריטיקירט זיין אַרבעט אַלס זעמסקי נאַטשאַלניק אין זיין אינטערעסאַנטן בוך „זאַפּיסקי זעמסקאָוואָ נאַטשאַלניקאַ“. ער האָט פאַרלאָזן זיין גוט, אַריבערגעפאָרן אויף קאַווקאַז אויף אַן אַנדער מלוכה־שטעלע און געוואָרן אויסגעקליבן אַלס פּרעזידענט פון שטאָט באַקו (באַשריבן אין זיין בוך „זאַפּיסקי גאָראָדסקאָוואָ גאָלאָווי“), אַלץ ווייטער איז נאָוויקאָוו געוואָרן מער ראַדיקאַל, אַריבערגעפאָרן אין פּעטערבורג און געשריבן אין דער ס.־ר.־ציַיטונג „סיין אָטעטשעסטוואָ“. אין 1904 איז ער געקומען צו מיר מיט זיין פרוי אין ווילנע צו נעמען אַן אָנטייל אין אַ פּאָליטישן באַנקעט; אַזוינע באַנקעטן זיינען דאַמאָלסט געווען אין גאַנג, ווי אַן אויסדרוק פון דער רעוואָלוציאָנערער שטימונג אין לאַנד. נאָוויקאָוו איז דאַן געווען זייער רויט און האָט פאַראויסגעזאָגט די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. זיין פרוי איז שוין געוואָרן אַ געבילדעטע דאַמע, האָט געקענט נים נאָר די רוסישע ליטעראַטור, נייערט גערעדט אויך פריי פראַנצויזיש. זיי האָבן געהאַט 2 קינדער. אָבער אין אַ פּאָר יאָר אַרום איז ער געשטאָרבן.

מיט אָלגאַ נאָוויקאָוואַ און מיטן גענעראַל קירייעוו האָב איך זיך שפּעטער נאָך איינמאָל געזען ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן. מיט איר זון איז זי געווען פון ווייטן און האָט אין לאָנדאָן געטריבן אַ רעאַקציאָנערע און אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק. ווען איך האָב זיך וועגן דעם דערוואוסט און איר וועגן דעם געשריבן, האָט זי מיר אַלס פאַרענטפערונג צוגעשיקט אירן אַן אַרטיקל אין „טיימס“, אין וועלכן זי באַשרייבט מיין „מסירת־נפשדיקע אַרבעט אויף דער כאָלערע, הגם איך בין אַ ייד“. איך געדענק עפּעס אויך אירע אַן ענגלישע בראָשור „משה אָדער קריסטוס?“. ס'פאַרשטייט זיך, אַז מיט דעם האָבן זיך אונזערע באַציאונגען איבערגעריסן. אויף איר שפּעטערדיקער איינלאַדונג צו פאָרן מיט איר אויף דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה האָב איך זיך אָפּגעזאָגט.

פרילינג 1893 האָב איך געהאַט די געלעגנהייט זיך צו באַקענען מיט אַן אַנדער רוסישער פאַמיליע, מיט אַלעקסיי איוואַנאָוויטש טורגעניעוו, אַ פּלימעניק פון באַרימטן רוסישן שרייבער, וואָס האָט געוואוינט אין אַ גוט אין טולער גובערניע, טשערנענסקי אויעזד. ער איז קראַנק געוואָרן אויף פלעקטיפוס, און זיין מומע, אַ פּראָפעסאָרס פרוי סאָקאָלאָווא, האָט מיך געבעטן צו פאָרן צו אים אויף דער גאַנצער צייט פון זיין קראַנקייט. רעקאָמענדירט האָט מיך פּראָפעסאָר פּאָכט, ביי וועמען איך האָב געאַרבעט אויף מיין דיסערטאַציע. איך האָב פאַרבראַכט אין גוט 2 וואָכן. דער קראַנקער איז געזונט געוואָרן, און ער און זיין פרוי (געבאָרן באַקונין) פלעגן ביי יעדער געלעגנהייט מיר אויסדריקן זייער איבערגעבנקייט.

אויף די פאַרדינטע געלט ביי טורגעניעוו (1,000 רובל) האָב איך שוין געהאַט די מעגלעכקייט צו פאָרן אין ווין זיך פאַרפולקומען. אַגב האָב איך דאָרטן געענדיקט שרייבן מיין דיסערטאַציע, אויסנוצנדיק די לאַבאָראַטאָריעס און ביבליאָטעקן. איך האָב פאַרבראַכט אין ווין מיט גרויס נוצן אַכט חדשים, זיך אומגעקערט אין מאָסקווע און זיך פאַרנומען מיטן דרוקן מיין דיסערטאַציע (העכער 30 בויגן). בלייבן ווייטער אין מאָסקווע האָט זיך מיר ניט געוואָלט, מיך האָט געצויגן אין ווילנע. נאָר דאָ האָב איך געמאַכט איינע פון די פעלערן אין מיין לעבן. ס'איז דאַן געוואָרן וואַקאַנט די שטעלע פון שעף-דאָקטאָר אין ווילנער יידישן שפּיטאָל (נאָך דער דעמיסיע פון ד"ר סאָמעלסאָן), און איך האָב זיך געלאָזט איינריידן פון מיינע קרובים אויסצונוצן מיין באַקאַנטשאַפט מיט גענעראַל קירייעוו אויף צו באַקומען די דאָזיקע שטעלע. דער יידישער שפּיטאָל, ווי די צוויי אַנדערע קריסטלעכע שפּיטאָלן, האָבן זיך דאַן געפונען אין רשות פון דעם „פּריקאַז אָבשטשעסטווענאָוואַ פּריזרעניאַ", און הגם ער האָט זיך אויסגעהאַלטן אויסשליסלעך אויף יידישע געלט (פון דעם „קאָראָבאָטשני סבאָר", ד. ה. פון כשרע פליישן), האָבן זיך די שטעלעס פון די דאָקטוירים גערעכנט פאַר מלוכהשע, און די באַשטימונג אויף די דאָזיקע פּאָסטנס האָט געהערט צו דער גובערניאַלער מאַכט.

מיט רעקאָמענדיר-בריוו צום גענעראַל-גובערנאַטאָר אָרזשעווסקי (אַ רשע און שונא-ישראל), צום אינספּעקטאָר יערמייעוו (אַ כאַבאַרניק, ווי דאָס רוב רוסישע טשינאָווניקעס) בין איך אַלזאָ געקומען אין ווילנע. מיין העזה האָט אָבער — ס'פאַרשטייט זיך — אַרויסגערופן אַ קעגנערשאַפט מצד די עלטערע אָרדינאַטאָרן פון יידישן שפּיטאָל, וועלכע האָבן מיט אַ גרעסערער רעכט איידער איך פּרעטענדירט אויף דער דאָזיקער שטעלע. דער סוף איז געווען, אַז ניט איך בין געוואָרן שעף-דאָקטאָר, ניט דער אָרדינאַטאָר ד"ר זאַלקינד, וועלכער האָט צום מערסטן געהאַט שאַנסן צו באַקומען די שטעלע, נאָר אַ דריטער, אַ דייטש פּפייפער, וואָס איז געווען פריער קרייז-דאָקטאָר אין לידע. איך בין געוואָרן באַשטימט אַלס אויסערשטאַט-דאָקטאָר אָן שכירות אַפּריער אין סאַוויטש-שפּיטאָל און דערנאָך אין יידישן. די זאַך האָט מיך ניט פאַרדראָסן, ווייל איך האָב אונטערקענט, אַז איך בין געווען אומגערעכט בנוגע די קאָלעגן.

אין אַ פּאָר חדשים אַרום נאָך מיין קומען אין ווילנע (1894) בין איך אַרבעטנדיק אין סאַוויטש-שפּיטאָל קראַנק געוואָרן אויף פלעקטיפוס און גלייך נאָכן געזונטווערן אין האַרבסט קאָמאַנדירט געוואָרן אין ניי-סווענציאַן און סווענציאַן, וואו ס'האָט אויסגעבראָכן אַן עפּידעמיע פון כאָלערע. דאָס איז געווען דער אָנהויב פון מיין מעדיצינישער און געזעלשאַפטלעכער אַרבעט אין ווילנע און ווילנער קאַנט. עלטערע מענטשן פון סווענציאַן דערמאָנען נאָך עד-היום צום גוטן מיין דאָרטיקע אַרבעט אַלס כאָלערע-דאָקטאָר.

ניט געקוקט אויף דעם ערשטן קאָנפליקט מיט די ווילנער דאָקטוירים צוליב מיינע פּרעטענזיעס אויף דער שטעלע פון הויפּט-דאָקטאָר אין שפּיטאָל, האָבן זיך ביי מיר באַלד איינגעשטעלט זייער גוטע באַציאונגען מיט אַלע קאָלעגן. פאַרקערט, די עלטערע דאָקטוירים (סטעמבאַ, קאַהאַן), פלעגן מיך אָפּט רופן אויף קאָנסיליומס און „צושאַרן פּראַקטיקע". דער וויסנשאַפטלעכער ניוואָ פון די יידישע דאָקטוירים איז בכלל שוין דאַן אין ווילנע געשטאַנען גענוג הויך. דער רוב פון זיי האָט זיך פאַרפולקומט אין אויסלאַנד, און אַזוי אַרום איז זיי געלונגען צו פאַרנעמען אַ בכבודיקן אָרט אין דער ווילנער מעדיצינישער וועלט. אין דער ווילנער מעדיצינישער געזעלשאַפט (די עלטסטע אין רוסלאַנד) איז דער גרעסטער טייל רעפעראַטן געהאַלטן געוואָרן דורך יידן. און אויך די פּריוואַטע פּראַקטיק איז ביסלעכווייז איבערגעגאַנגען צו די יידישע דאָקטוירים. בעת פריער פלעגט די יידישע באַפעלקערונג דער עיקר זיך קורירן ביי קריסטלעכע דאָקטוירים (אין וועלכע זיי האָבן נאָך אַלץ געזען דעם „פּאַן"), האָט זי איצט זיך מערסטנטיילס געקורירט ביי יידן-דאָקטוירים. אויך די קריסטלעכע באַפעלקערונג — פּאָליאַקן און דער עיקר רוסן (מיליטער, באַאַמטע) — האָבן זיך מיט גרויס צוטרוי באַצויגן צו די יידישע דאָקטוירים.

די גרעסטע פּראַקטיקע האָט דאַמאָלסט געהאַט דער זייער באַקאַנטער דאָקטאָר סטעמבאַ (ער האָט קורירט ביים פּאָפּעטשיטעל סערגיעווסקי, ביים אַרכיערײ א. א.); אויך ד"ר וויגאָדסקי, ד"ר קאַהאַן, ד"ר קאַן, ד"ר גערשון א. א. האָבן געהאַט גרויסע קריסטלעכע פּראַקטיקע. אין די יאָרן פאַר דער מלחמה איז מיר אויך אויסגעקומען צו ווערן איינגעלאַדן אַלס דאָקטאָר צום גובערנאַטאָר ווערעאָווקין, צום גענעראַל רענענקאַמף א. א. ניט נאָר די רוסישע באַאַמטע פלעגן זיך גערנער קורירן ביי די יידישע דאָקטוירים איידער ביי פּאָליאַקן, נייערט אויך פּוילישע גוטבאַזיצער, קסיאָנדזן א. א. פלעגן זיך מיט צוטרוי באַציען צו די יידישע דאָקטוירים. דאָס כמעט פולשטענדיק אויסמיידן מצד דער פּוילישער געזעלשאַפט די יידישע דאָקטוירים — וואָס מערקט זיך איצטער — איז אין די פריערדיקע צייטן לגמרי ניט געווען.

דאָס יידיש געזעלשאַפטלעך לעבן האָט זיך אין ווילנע אין די 90-ער יאָרן שטאַרק אונטערשיידט פון דעם איצטיקן. די בירגערלעכע עלעמענטן און די אינטעליגענץ האָבן זיך פאַרנומען מיט זייער פּראָפעסיע און די פרייע צייט פאַרבראַכט אין גיין צו געסט איינער צום אַנדערן און אין קאָרטנשפּיל. די ברויזונג צווישן די אַרבעטער האָט זיך נאָך אָקערשט אָנגעהויבן. דער „בונד" האָט ערשט אָנגעהויבן צו שטעלן זיינע ערשטע טריט, באַהאַלטענערהייט — אין די קעלערס און אויף די בוידעמס. ביי די באַלעבאַטישע יידן איז, חוץ די סקאַרבאָווע חברות — צדקה-גדולה, תלמוד-תורה, מושב-זקנים א.א. — די פּראָגרעסיווסטע געזעלשאַפט געווען די „ביליקע קיך", וואָס בראש איז געשטאַנען (פון די יונגע) א. נײשול. דאָ פלעגט מען — חוץ אַרויסגעבן ביליקע מיטאָגן — מאַכן בעלער, איינאָרדענען ספּעקטאַקלען, צוזאַמערופן פאַרזאַמלונגען א. ד. גל. דאָ האָבן מיר אָנגעהויבן צו לייענען אונזערע פאָלקס-לעקציעס (אויף רוסיש) פון באַשטימטע ביכלעך מיט ליכט-בילדער און בלויז ווי אַ קאָנטראַבאַנדע פלעגט אונז געלינגען צו זאָגן עפּעס אַן אייגן וואָרט.

אין דער זעלבער צייט, ווי ס'האָט זיך געגרינדעט דער „בונד", האָט זיך געבילדעט אַ גרופּע יידישע אינטעליגענטן לכתחילה מיט אַ באַשיידענעם ציל זיך צוזאַמענקלייבן כאָטש איינמאָל אין וואָך אום צו פאַרברענגען אָן קאָרטן. מען האָט געלייענט רעפעראַטן און געפירט דיסקוסיעס. דערנאָך האָט זיך די דאָזיקע גרופּע פאַרוואַנדלט אין אַ ציוניסטישן ליטעראַרישן קרייזל. אויף די אָוונטן, וועלכע ס'פלעגן זיך אין פּריוואַטע וואוינונגען ניט לעגאַל צוזאַמענקומען אַמאָל ביז 100 מענטשן, פלעגט מען האַלטן פאַרטראָגן אויף טעמעס, וואָס האָבן גאָר קיין

שייכות צום ציוניזם ניט געהאַט. איינמאָל, געדענק איך, האָב איך געלייענט ביים אינזש. פּערליס א רעפעראַט וועגן דאַרוויניזם, און מיר האָט אַפּאָנירט עפּעס א יונגערמאַן, א מין ישיבה-בחור. איך האָב זיך געוואונדערט אויף זיין באַהאַוונטקייט אין דער דאָזיקער טעמע. דאָס איז געווען י ו ס ף ק ל ו י ז נ ע ר. נאָך דעם ערשטן באַזעלער קאָנגרעס זיינען די פאַרזאַמלונגען געוואָרן מערער ציוניסטיש באַפאַרבט. נאָר א לענגערע צייט פלעגן אין זיי נעמען אָנטייל אויך פון אַן אַנדער ריכטונג נאַציאָנאַל-געשטימטע פּערזאָנען. איינמאָל האָב איך דאָרטן רעפערירט וועגן מאַקס נאָרדויס נייער פּיעסע „דאָס רעכט צו ליבן" און אַן אַנדערש מאָל וועגן מיין באַגעגעניש מיט מ אַ ק ס נ אָ ר ד ו י אין בערלין נאָך זיינעם א גלענצנדן פאָרטראָג „נאַציאָנאַליזם, סאָציאַליזם און ציוניזם", וואָס האָט אויף מיר געמאַכט א טיפן איינדרוק.

לאַנגזאַם זייער האָבן זיך די אַנשויאונגען און ריכטונגען ביי דער ווילנער יידישער אינטעליגענץ אָנגעהויבן צו דיפערענצירן, און א לאַנגע צייט האָבן מיר געקענט אַרבעטן צוזאַמען. די ערשטע ווילנער אָ ו ו נ ט - ש ו ל, וואָס די איניציאַטיווע איז געגעבן געוואָרן פון צוויי ווילנער סטודענטן (פּאַוועל ראָזענטאַל און שאַטענשטיין) האָט געפונען אַן אָפּקלאַנג אויך ביי דער ניט סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ, און זי איז געעפנט געוואָרן אויפן נאָמען פון דער ווילנער צדקה-גדולה („מאַליטוועננאַיאַ פּראַוולעניע"). אַפּריער איז געעפנט געוואָרן די שול פאַר פרויען (אין 1901) און אין עטלעכע יאָר אַרום — אויך פאַר מענער. אַרום דער דאָזיקער אָוונט-שול האָבן זיך אַלזאָ יאָרן לאַנג געקענט מתעסק זיין מענטשן פון גאָר פאַרשיידענע ריכטונגען.

די ווילנער אָוונט-שול האָט אין משך פון 25 יאָר געשפּילט א גרויסע קולטורעלע און פּאָליטישע ראָלע ביי די יידישע מאַסן (ז. מיין אַרטיקל אין ווילנער „טאָג" נומ. 89, 1926). באַהאַלטענערהייט האָט מען דאָ צום ערשטן אָנגעהויבן צו לערנען אויף י י ד י ש, און מען קען זאָגן, אַז פון דאַנען האָט זיך אָנגעהויבן דאָס יידיש שולוועזן אין ווילנער קאַנט; דאָ איז געשאַפן די ערשטע מאָדערנע יידישע כרעסטאָמאַטיע. ס'איז אַגב ניט צו פאַרלייקענען, אַז די אָוונט-שול האָט פאַרנומען אויך א גרויסן אָרט אין דער פּאָליטישער אויפקלערונג און אַנטוויקלונג פון די יידישע אַרבעטער-מאַסן. חוץ דער ערשטער פאַרוואַלטערין פּ אַ נ י מ אַ ר ק ו ס אָ ן (דערנאָך דבורה פישער, לערער א. פראַנקפורט) און אויך אַרטיקע פּעדאַגאָגן (צונזער, ריוועסמאַן, שפּעטער פלודערמאַכער א. א.) און ליטעראַטן (מ. שאַליט, א. י. גאָלדשמידט, ה. קאַלמאַנאָוויטש א. א.) זיינען בשעתו צו איר נאָענט געשטאַנען אַלגין, אסתר פרומקין, אַבראַמאָוויטש (ריין), גאָלדמאַן (ליבער), לעווינסאָן (בענסקי), גאָזשאַנסקי (לון) א. א.

אין פעברואַר 1892 האָט די פּעטערבורגער „מפיצי השכלה" („אָפּע") צוזאַמענגערופן די ערשטע קאָנפערענץ פון טוער אויפן געביט פון בילדונג. פון ווילנע זיינען איינגעלאַדן געוואָרן יצחק גאָלדבערג, פּ. געץ, מ. וואָלפּערט און איך. די דאָזיקע קאָנפערענץ האָט געהאַט א גרויסע באַדייטונג פאַר דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט. דאַן האָט זיך שוין אָנגעהויבן צו קריסטאַליזירן דער קאַמף צווישן די יונגע און אַלטע טוער. דאַן איז אַגב אויך אָנגענומען געוואָרן א באַשלוס אויסצונוצן די העכערע אָפּטיילונג פון דער ווילנער אָוונט-שול אויף צוצוגרייטן לערער פאַר יידישע געגנשטאַנדן אין די יידישע פאָלקס-שולן (וואו מ'האָט נאָך דאַמאָלסט געלערנט אויף רוסיש). די זאָרג וועגן דעם איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף מיר.

אין דער ווילנער אָפּטיילונג פון „מפיצי השכלה" האָב איך די גאַנצע צייט פון אָנהויב ביזן סוף פון איר עקסיסטענץ גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל, זייענדיק א וויצע-פאָרזיצער אָדער פאָרזיצער, און פלעג יעדן מאָל זיין איינער פון די דעלעגאַטן צו די צוזאַמענפאָרן אין פּעטערבורג. פאַר מיין צייט איז געשאַפן געוואָרן די ביבליאָטעק „מפיצי השכלה", וואָס איז איצט איינע פון די גרעסטע און פּאָפּולערסטע אין ווילנע, און בעת דער מלחמה איז דורך דער געזעלשאַפט געלייגט געוואָרן דער גרונטשטיין פון דער יידישער שול-נעץ. פאַר די רוסן-צייטן אָבער איז די „מפיצי השכלה" אין ווילנע געווען ביי דער מאַכט פאַררעכנט פאַר ניט „בלאַגאָנאַדיעזשנע", און אַלע אירע ביטעס וועגן ערלויבן צו עפענען שולן, לערער-קורסן א. ד. גל. פלעגן ווערן אָפּגעוואָרפן. ס'האָט אַפילו ניט געהאָלפן, וואָס אַנשטאָט מיר איז געוואָרן דער פאָרזיצער דער טיכטיקער דירעקטאָר פון דער פּריוואַטער יידישער גימנאַזיע („מיט רעכט") פּ. י. כהן. איינע פון די סיבות פון דעם, וואָס די מאַכט האָט אויף דער געזעלשאַפט געקוקט קרום, איז אפשר געווען דאָס, וואָס דער „בונד" האָט אויף איינער פון זיינע קאָנפערענצן אָנגענומען א באַשלוס צו נעמען א וואָס גרעסערן אָנטייל אין די קאָמיטעטן פון „מפיצי השכלה".

איך וויל זיך דאָ ניט אָפּשטעלן אויף מיין ניט קיין גרויסן אָנטייל אין דער גרינדונג פון דער געזעלשאַפט „הילף דורך אַרבעט", וואָס איר גרונטשטיין איז געלייגט געוואָרן דורך דער ירושה פון ד"ר ב. פּ י ן און איז שפּעטער שטאַרק אויסגעוואַקסן געוואָרן א דאַנק דער ענערגישער אַרבעט פון א. נ י י ש ו ל, ד"ר א. מ אַ ק אָ ו ע ר, אינזש. ק ל ע ב אַ נ אָ ו א. א. „הילף דורך אַרבעט" איז א שיין בלעטל אין דער געשיכטע פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט אין ווילנע (גענויער וועגן דעם ז. די איינמאַליקע אויסגאַבע, 1928).

נאָך איידער ס'האָט זיך געעפנט די אָוונט-שול האָט אויך די אַרטיקע ווילנער צייטונג „סעוועראָזאַפּאַדנאַיאַ סלאָוואָ" אונטער דער רעדאַקציע פון נ. ר אַ ד י ן (קיין יידישע צייטונגען זיינען ניט געווען) גרופּירט אַרום זיך — צוזאַמען מיט די יידישע בירגערלעכע עלעמענטן — אויך סאָציאַליסטישע און רעוואָלוציאָנערן קרייזן. באַזונדערס איז דאָס געווען בעת אין ווילנע האָט זיך באַזעצט (געקומען פון סיביר) אָ ס י פּ מ י נ אָ ר, איינער פון מיינע אַמאָליקע מאָסקווער חברים. ער האָט געשריבן לייטאַרטיקלען אין דער צייטונג און פלעגט צוזאַמענקלייבן ביי זיך אין זיין באַשיידענער וואוינונג אויף סטעפּאַן-גאַס די יוגנט, וועלכע האָט זיך באַצויגן צו אים מיט גרויס באַגייסטערונג. אין ווילנע האָט דאַמאָלסט אויך געוואוינט ביזן טויט זיין פאָטער ז. מ י נ אָ ר, דער געוועזענער מאָסקווער ראַבינער, וואָס האָט געמוזט פאַרלאָזן מאָסקווע נאָך דעם גירוש. איינמאָל איז געקומען צו אונז אויף א פּאָר טעג (דורכפאָרנדיק פון זיין פאַרשיקונג קיין אויסלאַנד) אויך אונזער חבר מ י כ אַ א י ל ג אַ ץ, א מענטש אַן ענערגישער און זייער א פּעאיקער. וועגן דער „וועטשערינקע", וואָס איך האָב געמאַכט ביי מיר אין וואוינונג לכבוד דעם גאַסט, האָט מען דערנאָך פיל גערעדט אין געוויסע קרייזן אין שטאָט. אָבער — צום גליק — איז דאָס צו דער פּאָליציי ניט דערגאַנגען, און אַלץ איז אַראָפּ גלאַט. אין א יאָר 2 אַרום איז די ווירקונג פון אָסיפּ מינאָר פונדעסטוועגן דער זשאַנדאַרמעריע ניט געפעלן געוואָרן, און ער איז אַרויסגעשיקט געוואָרן אין סלוצק. מיט גאַצן און מיט מינאָרן האָב איך זיך מיט יאָרן שפּעטער אייניקע מאָל געטראָפן אין אויסלאַנד.

די אַרבעט אין די אָפּיציעלע יידישע פילאַנטראָפּישע און האַלב-פּאָליטישע געזעלשאַפטן האָט מיך דאַמאָלסט ווייניק געקענט באַפרידיקן — אויך ניט די נייע „בראַטאָליוביוואַיאַ אָבשטשעסטוואָ", וואָס איך בין געווען איינער פון אירע גרינדער און מיטגלידער. זי איז אַנטשטאַנען לויט דער איניציאַטיווע פון באַקאַנטן מאָסקווער כלל-טוער וולאַדימיר אָסיפּאָוויטש ה אַ ר ק אַ ו ו י (הרכבי), מיט וועמען איך בין געווען נאָך באַקאַנט פון מאָסקווע. די דאָזיקע געזעלשאַפט, אין וועלכער ס'האָבן גענומען אָנטייל די אויבערשטע פון שטויסל פון דער ווילנער פּלוטאָקראַטיע און אינטעליגענץ, האָט גע-

האט פרעטענזיעס אנצופירן מיט דער ווילנער יידישער געזעלשאפטלעכקייט און „פאליטיק". אדוואקאט („טשאסטני פאווערעני") זאלערשטיין האט אויסגעפועלט ביים גובערנאטאר א לעגאליזירטן סטאטוט פאר איר, און די זיצונגען פלעגן פארקומען אין פריוואטע וואוינונגען (ניט עפנטלעך) ביי א פיין סערווירטן טיש. קיין גרויסע זאכן האט די געזעלשאפט ניט אויפגעטאן און אין א פאר יאר ארום איז זי געשטארבן — נאך א קורצער גסיסה — מיטן נאטירלעכן טויט. דער לעצטער „אויפטואירער" איז — דוכט זיך — געווען די צוגרייטונג פון א דעפוטאציע אויפן וואקזאל אויף צו באגעגענען ניקאלאי דעם צווייטן. אלס אן אנדענק פון דער דאזיקער דעפוטאציע איז געבליבן א פאטאגראפישע גרופע מיט ר' שלמהלען אין א נייער יידענער קאפאטע (וואס די רבנים האבן ערלויבט — צוליב איילעניש — צו נייען אום שבת) אינמיטן. פון די ווילנער דאקטוירים האבן מסכים געווען צו נעמען אן אנטייל אין דער דעפוטאציע בלויז דער שעף-דאקטאר פון יידישן שפיטאל זאלקינד.

שפעטער האט דער גרעסטער טייל מיטגלידער פון דער דאזיקער געזעלשאפט געבילדעט א מין בייראט צו דער צדקה-גדולה („מאלימוונאיע פראוולעניע"), וואס האט געזאלט זיין א סוראגאט פון א קהילה.

צו די פארדינסטן פון דער „בראטאלוביוואיע אבשטשעסטווא" קען אפשר אויך צוגערעכנט ווערן דער באנקעט, וואס די ווילנער יידישע געזעלשאפט האט געמאכט אין פעברואר 1902 די פעטערבורגער אדוואקאטן-פארטיידיקער, גרוזענבערג און מיראנאוו, נאכן באפרייאונגס-ווערדיקט, וואס איז ארויסגעטראגן געווארן אין באקאנטן פראצעס בלאנדעס. צוויי יאר נאכאנאנד איז דער דאזיקער פראצעס געלעגן ווי א שווערע מאסע אויף דער יידישער באפעלקערונג אין רוסלאנד בכלל און דער ווילנער בפרט. די טיפע באדייטונג פון דעם ענין — אין היפוך מיט דעם שפעטערדיקן פראצעס ביילים — איז באשטאנען אין דעם, וואס בעת דער ביילים-פראצעס — ווי ס'איז שוין איצט היסטאריש באוויזן געווארן — איז אינסצענירט און אונטערשטיצט געווארן פון דער רעגירונג, איז דער בלאנדעס-פראצעס, אויב ניט אין אלע פרטים אינסצענירט, בכל אופן פונאנדערגעבלאזן געווארן מצד דער ארטיקער פוילישער געזעלשאפט, לכל הפחות פון געוויסע פוילישע קרייזן. ביז אהער זיינען געווען די באציאונגען צווישן דער פוילישער און יידישער באפעלקערונג אין ווילנע ניט קיין גאנץ שלעכטע אדער פיינדלעכע. און טראגיש איז געווען דאס, וואס גענומען אן אנטייל אין אויפבלאזן דעם כלומרשט „ריטועלן פראצעס" האבן ניט אזוי דער פוילישער המון אדער אפילו גייסטלעכע, נאר א טייל פון דער אנפירנדער פוילישער אינטעליגענץ, ווי דער ערלעכער ד"ר דעמבאווסקי און דער באגאבטער אדוואקאט ווראבלעווסקי. מיט אט די ביידע מענער זיינען מיר געשטאנען אין פריינדלעכע באציאונגען און פלעגן יארנלאנג אויך שפעטער (ביז זייער טויט) זיך טרעפן ביי פארשיידענע געלעגנהייטן און געזעלשאפטלעכע ענינים. ד"ר דעמבאווסקי, א לאנגיאריקער ראטמאן אין ווילנער שטאטראט, א גוטער כירורג, האט זיך אויפן פראצעס ניט געשעמט צו זאגן, אלס עקספערט, אז דעם „שניט" אויפן האלדז האט דער „קרבן" גרודזינסקא ניט זיך אליין געמאכט, נאר א צווייטער (ד. ה. בלאנדעס); און דער פריוואטער מאנער ווראבלעווסקי האט אויפן געריכט אונטערשטיצט די באשולדיקונג אין א פרוב צו א „ריטואלן מארד". מיין גוטער באקאנטער מעטשיסלאוו קאזלאווסקי, וואס איז דאן געזעסן אויפן געריכט אלס געהילף פון ווראבלעווסקין, האט מיר מיט א פאר יאר שפעטער דערציילט, אז ווראבלעווסקי האט דערנאך שטארק חרטה געהאט, וואס ער איז ארויסגעטראטן אין דעם פראצעס, בפרט נאך, אז איינער פון די פארטיידיקער בלאנדעסעס איז געווען ספאסאוויטש אין פעטערבורג, ווראבלעווסקיס געוועזענער פאטראן.

דער באנקעט איז פארגעקומען אן רעש אין א פריוואטער וואוינונג. גרוזענבערג האט דעם טאג געהאט אן אנפאל פון גאלשטיינער-קאליקן; אגב האט מען מורא געהאט צו מאכן פון דעם פראצעס א יידישן נאציאנאלן ענין, הגם די גאנצע צייט האט טאקע אויסגעוויזן, אז פארן געריכט שטייען צוויי שכנישע פעלקער — פאליאקן און יידן. אבער די פארטיידיקער זיינען געווען זייער פארזיכטיק און אויפן געריכט האבן זיי די גאנצע צייט אויסגעמידן צו שטעלן די זאך אויף א נאציאנאלן באדן און האבן אויסגעשלאסן די באטייליקונג אין דעם ענין מצד דער פוילישער געזעלשאפט, אונטערשטרייכנדיק, אז דא האט זיך מערניט געהאנדלט וועגן א שאנטאזש מצד א גרופע פינסטערע עלעמענטן *).

בלאנדעסעס שענדלעכער (געוויס ניט פאר די יידן) פראצעס איז טאקע גיך פארגעסן געווארן. קיין שום השפעה אויף די ווייטערדיקע באציאונגען צווישן די יידן און די פאליאקן אין ווילנע האט ער ניט געהאט. גרוזענבערגן האט ער צוגעגעבן נאך א גרעסערן רום, און דער ארעמער פעלדשער בלאנדעס לעבט נאך איצט אין ווילנע א טיילווייז פאראליזירטער אין גרויס דחקות, אן שום הילף מצד דער יידישער געזעלשאפט.

אין אנהויב 20 יארהונדערט האט זיך די רעוואלוציאנערע ארבעט פון „בונד" באדייטנד פארשטארקט און פלעגט פון צייט צו צייט זיך ארויסרייסן פון אונטער דער ערד אויף דער גאס (יונגע ארבעטער מיט שווארצע שטעקעלעך). די ערשטע מאי-דעמאנסטראציעס, וואס פלעגן זיך אלעמאל ענדיקן מיט ארעסטן, פלעגן שטענדיק אויפרודערן די שטאט. די „לאיאלע" („בלאגאנאמיערעניע") פלעגט זיך בייזערן, אבער די יוגנט פלעגט סימפאטיזירן אט די העזהניקעס. דעם 1 מאי 1902 איז פארגעקומען די בארימטע עקזעקוציע, ביי וועלכער ס'האט בייגעוואוינט דער שטאט-דאקטאר מיכאילאוו, און נאך וועלכער א פולע קאלעגן האבן אויסגעמידן אים צו געבן די האנט. דערנאך איז געקומען דער בארימטער שאס פון הירש לעקערט אין גובערנאטאר פאן וואל. פוילישע כירורגן האבן אים אויסגעקורירט, די ארדינאטארן פון יידישן שפיטאל האט מען געהייסן צוזאמען מיט אלע טשינאווניקעס גיין צו דער תפילה („מאלעבען"), וואס איז איינגעארדנט געווארן אין גרויסן זאל פון דער „גובערנסקאיע פראוולעניע" (דער בנין פון דער איצטיקער וואיעוואודשאפט). ד"ר מאקאווער און איך האבן זיך פון דעם ארויסגעמאכט. איך האב דערנאך געקורירט לעקערטס שוויגער — אן ארעמע קראנקע פרוי פון שניפישעק. זי האט — דוכט זיך — גארניט פארשטאנען, וואס דא איז פארגעקומען.

א גרעסערע באפרידיקונג — ווי פון געזעלשאפטלעכער ארבעט — פלעג איך האבן פון מיין מעדיצינישער פראקטיק, וועלכע איז שטענדיק געווען זייער א ברייטע און ארומגענומען ניט נאר די שטאט, נייערט די גאנצע ארומיקע געגנט. איך פלעג נעמען אן אנטייל אין די פיראגאווער צוזאמענפארן פון די רוסישע דאקטוירים — וואס האבן דאן געטראגן אויך א פאליטישן כאראקטער—און האב געהאלטן דארטן רעפעראטן וועגן סטאטיסטיק פון דער שטערבלעכקייט אין ווילנע (פאר 1901—1902) און שפעטער וועגן דער פראגע פון איבעררייסן די שוואנגערשאפט — פון סאציאלן, יורידישן און מעדיצינישן שטאנדפונקט.

1904 האט אנגעהויבן צו ברויזן אין רוסלאנד. ווילנע איז ניט אפגעשטאנען פון אלע אנדערע שטעט. ס'איז געווען די צייט

*) אז אזוינע ענלעכע „ריטועלע פראצעסן" קענען ביי א גוטן ווילן דערשטיקט ווערן ביים סאמען אנהויב, באווייזט די געשיכטע מיט דעם פרוב ארויסצורופן אזא פראצעס אין ווילנע בעת דער דייטשער אקופאציע אין יאר 1916 (ז. „ווילנער זאמלבוך" — ב. 2, ז. 207—209).

פון פראָקלאַמירטן „צוטרוי“ מצד דער רעגירונג צו דער רוסישער געזעלשאַפט, ווען דער געוועזענער ווילנער גענעראַל-גובערנאַטאָר סוויאַטאָפאָלק-מירסקי איז געוואָרן מיניסטער. ס'האָבן זיך אָנגעהויבן „באַנקעטן“, אויף וועלכע ס'פלעגן אַרויסטרעטן אָרטיקע און געקומענע רעדנער מיט פאַרשטעלטע פאָליטישע רעדעס. אַ גרויסע ראָלע האָט דאָ (אין 1904—1905) געשפילט דער אַזוי-גערופענער „אינטעליגענטן-קלוב“, וואָס 90 פראָצ. פון זיינע מיטגלידער איז באַשטאַנען פון יידן. דאָ פלעגט זיין דער זאַמל-פונקט פון אַלע אומלעגאַלע רעוואָלוציאָנערע פאַרטייען. דאָ פלעגן אַרויסגעגעבן ווערן קאַמף-לאָזונגען. שפעטער בעת דעם ערשטן גענעראַל-שטרייק (אָקטאָבער 1905), ווען אין גאַנץ ווילנע איז געווען אויף די גאַסן שטאָק פינסטער צוליב דעם, וואָס אויך די עלעקטרישע סטאַנציע און דער גאַז-זאַוואָד האָבן געשטרייקט, האָט זיך דער קלוב אויסגעטיילט ווי אַ ליכטיקער אָאַזיס אין אַ וויסטע, ווייל פימאַנאָווס הויז (געאָרגיעווסקי 22), אין וועלכן דער קלוב האָט זיך געפונען, האָט געהאַט אַן אייגענע עלעקטרישע סטאַנציע, און צוליב דעם קלוב האָט מען איר ערלויבט צו אַרבעטן.

צוזאַמען מיט די אַלגעמיין-רוסישע פאָליטישע פאַרטייען האָבן אַרויסגעוויזן אַ גרויסע אַקטיוויטעט די נאַציאָנאַלע פאַרטייען; און גראַד ווילנע איז געווען די שטאָט, וואו די דאָזיקע דיפערענצירונג האָט זיך אַרויסגעוויזן צום בולטסטן: ס'זיינען אַנטשטאַנען נאַציאָנאַלע פוילישע, ווייסרוסישע און ליטווישע פאָליטישע אָרגאַניזאַציעס. אין 1905 (25–27 מערץ) איז אין ווילנע פאָרגעקומען דער יידישער צוזאַמענפאָר, וואָס האָט געבילדעט דעם „פאַרבאַנד צו דערגרייכן פולע רעכט אין רוסלאַנד“. דאָס איז געווען אַ גרויסע — אין געוויסן זין רעוואָלוציאָנערע — געשעעניש אויף דער יידישער גאַס. 3 טעג נאָכאַנאַנד זיינען פאָרגעקומען פאַרמאַכטע פאַרזאַמלונגען אין פריוואַטע וואוינונגען, אין וועלכע ס'האָבן גענומען אָנטייל ביז 100 פערזאָן, און צווישן זיי זיינען געווען אַזוינע גלענצנדע רעדנער, ווי מ. ווינאַווער א. א. די רעזאָלוציעס זיינען באַקאַנט, ווי ס'איז אויך באַוואוסט די שפעטערדיקע קעגנערשאַפט קעגן דעם „פאַרבאַנד“ מצד די יידישע סאָציאַליסטישע פאַרטייען און אויך די סתירות און סכסוכים, וואָס זיינען דערנאָך אַנטשטאַנען אין „פאַרבאַנד“ גופא. אין ווילנע פלעגן אויך פאָרקומען געמיינשאַפטלעכע, צוזאַמען מיט די דעמאָקראַטיש-געשטימטע יידן, קאָנספיראַטיווע פאַרזאַמלונגען צווישן פאַרשטייער פון די אָרטיקע נאַציאָנאַליסטן: פאָליאַקן, ווייסרוסן און ליטווינער. דאָס העכסטע, וועגן וואָס די דאָזיקע נאַציאָנאַליסטן האָבן געחלומט, איז געווען אַווטאָנאָמיע: די פאָליאַקן האָבן געפאָדערט אַ סיים אין וואַרשע, די ליטווינער פאַר זיך — אַ סיים אין ווילנע. דעם אמת געזאָגט, איז דער גרעסטער רוב יידן געווען לגמרי גלייכגילטיק צו די דאָזיקע טעריטאָריאַלע אַווטאָנאָמיע-פראַגן און זיי פלעגן אַרויסשטעלן דער עיקר די פראַגן פון גלייכבאַרעכטיקונג און פון נאַציאָנאַל-קולטורעלער אַווטאָנאָמיע.

נאָך מיט אַ פאָר חדשים פריער איז אין פעטערבורג פאָרגעקומען די קאָנסטרואירונג פון דער יידישער דעמאָקראַטישער גרופע. איך בין באַפולמעכטיקט געוואָרן דורך מיין אַלטן פריינד ל. מ. בראַמסאָן צו אָרגאַניזירן אין ווילנע אַזאַ גרופע און צוזאַמענרופן אַ באַראַטונג פון פאַסיקע פערזאָנען אויף אויסצוקלייבן דעלעגאַטן צו דער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג פון דער פאַרטיי, וואָס דאַרף פאָרקומען אין פעטערבורג. דערביי זיינען די יסודות פון דער „גרופע“ געווען אַזוי צעשוואומען, אַז אין דער באַראַטונג, וואָס איז פאָרגעקומען ביים ד״ר א. מאַקאָווער, האָבן אָנטיילגענומען דעמאָקראַטן, ציוניסטן, ס. ס. און בונדיסטן ביז 50 פערזאָן. אויסגעקליבן האָט מען 4 דעלעגאַטן: שמעון דובנאָוו (דאַמאָלסט געוואוינט אין ווילנע), שמריהו לעווין (דאַמאָלסט „פריידיקער“ אין שול „טהרת הקודש“), ל. גאָזשאַנסקי (איינער פון די ערשטע אַקטיווע בונדיסטן, באַקאַנט אונטערן פסעוודאָנים לנו; איצט אַ קאָמוניסט אין רוסלאַנד) און מיך. דובנאָוו האָט זיך אָפגעזאָגט צו פאָרן, ווייל ער איז פאַרנומען מיט וויסנשאַפטלעכער אַרבעט, ש. לעווין — צוליב פאַמיליען-אָנגעלעגנהייטן, גאָזשאַנסקי און איך זיינען געפאָרן. אין פעטערבורג האָט זיך אָבער די זאַך אויפגעקלערט, און גאָזשאַנסקי, אַלס אַ מענטש פון אַן אַנדער פאַרטיי איז צו דעם צוזאַמענפאָר, ס'פאַרשטייט זיך, ניט צוגעלאָזן געוואָרן. די יידישע דעמאָקראַטישע גרופע (ס'האָבן גענומען אָנטייל: בראַמסאָן, בער ברוצקוס, ג. לאַנדוי, י. פרומקין, ע. גינזבערג, ביקערמאַן, ס. גורעוויטש, סאַקער, ראָזענפעלד א. א.) האָט געזאָלט פאַרטרעטן די יידישע דעמאָקראַטישע אַרבעטנדיקע מאַסן און איז אידעאיש געווען ענלעך צו דער רוסישער „טרודאָוואַיאַ גרופאַ“. ניט זיינענדיק קיין ריין סאָציאַליסטישע גרופע, האָט זי געזאָלט אַריינעמען אַזוינע עלעמענטן, וואָס זיינען לינקער פאַר דער קאַ-דע-פאַרטיי, אָבער קענען ניט אַריינגיין אין די ריין-פראָלעטאַרישע פאַרטייען. צוזאַמען מיט די לעצטע האָט זי אָבער געדאַרפט מיטמאַכן דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף פאַר אַ נייעם פאָליטישן לעבן. די ברייטע מאַסן האָט די „גרופע“ קיינמאָל אונטער זיך ניט באַקומען. אָבער אַ השפעה אין יידישן פאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן האָט זי אין אַלע שטעט געהאַט אַ באַדייטנדע.

די געשעענישן האָבן זיך גערוקט מיט אַ גיכן טעמפ. דער גענעראַל-שטרייק איז אַריבער אין ווילנע זייער אימפאָזאַנט. דער געזעצגעבער איז געוואָרן דער אייזנבאַנער-קלוב (אויף כ[illegible]ראָסנער גאַס — איצט דאָמבראָווסקי-גאַס אין פראַזאָראָווס הויז), וואו ס'פלעגן זיך פאַרזאַמלען די אייזנבאַן- און פאָסט-באַאַמטע. אין משך פון די דאָזיקע טעג פלעגן פאָרקומען — אָן ערלויבעניש — מיטינגען אין פאַרשיידענע זאַלן און אויף די גאַסן. יידישע יונגעלייט האָבן פאַרכאַפט די שול „טהרת הקודש“ אויף זאַוואַלנע גאַס. דעם 18 אָקטאָבער אינאָווענט האָבן געדונערט מיט רעדעס די אָראַטאָרן אין אינטעליגענטן-קלוב — בונדיסטן, עסערן און סאָציאַל-דעמאָקראַטן, צווישן זיי אויך דער יונגער קרעסטינסקי, אַ זון פון אַ ווילנער גימנאַזיע-לערער (איצט רוסישער סאָוועט-פאַרטרעטער אין בערלין). מיטאַמאָל שפעט ביינאַכט האָט עמיצער געבראַכט די ידיעה, אַז די רעגירונג האָט נאָכגעגעבן. און ס'איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ מאַניפעסט וועגן קאָנסטיטוציע! בלויז איין טאָג האָט ווילנע געיובלט. אויף איבערמאָרגן האָט זיך שוין געגאָסן בלוט אויף די ווילנער גאַסן. אויף געאָרגיעווסקי צווישן אינטעליגענטן-קלוב און אייזנבאַן-קלוב האָבן באַוואָפנטע זעלנער געשאָסן אין די מאַניפעסטאַנטן, און דער תמעוואַטער גובערנאַטאָר גראַף פאַלען (אַן אייניקל פון דעם, וואָס האָט געהרגעט פאַוועל דעם ערשטן) האָט זיך פאַרענטפערט, אַז דאָס איז ניט זיין שולד, און איז אַרומגעפאָרן איבערן גאַס אַרומגערינגלט מיט אייניקע פירערס פון דער רעוואָלוציע (איינע אַ פרוי וואַסילעווסקי) כלומרשט אָפצוהאַלטן די שיסעריי. דאָס רוב געפאַלענע זיינען געווען יידן: קיסין, אַן אָנגעשטעלטער ביי סירקינען, אַ סטודענט פאַמעראַנץ א. א.

אין שטאָט האָט מען אָנגעהויבן צו ריידן, אַז ס'גרייטן זיך פאָגראָמען קעגן יידן. פאַרדעכטיקע פערזאָנען האָבן די יידן געדראָט. ס'האָבן זיך אָנגעהויבן אַרעסטן. פונדעסטוועגן האָבן ניט אויפגעהערט פאַרשיידענע פאַרזאַמלונגען, בפרט, אַז לויט דער „קאָנסטיטוציע“ האָבן זיי באַקומען מערער רעכט. דער דרייסטערער טייל פון דער באַפעלקערונג האָט אָנגעהויבן צוגרייטן אַ ווידערשטאַנד אויפן פאַל פון אַ פאָגראָם. איך געדענק עפעס אַ פאַרזאַמלונג אין זאַל פון שטאַטראַט, וואו דער פאָרזיצער איז געווען איליאַ ראַם (דבורה ראַמס אַ זון). אַן אַנדער אָוונט, שפעט איינדערנאַכט, האָבן מיר זיך צוזאַמענגעקליבן

אַ קליינע גרופּע אין קאַבינעט פון שטאָט־פּרעזידענט („גאָלאָוואַ") װענסלאָװסקי, אויף װעלכער ס'איז געװען אויך אַדװאָקאַט װורובלעװסקי. ער האָט דערציילט, אַז ער קומט אַקאָרשט פון קאַטוילישן ביסקופּ באַראָן ראָפּ, און אַז דער ביסקופּ איז גרייט צו גיין מיט אַ דעפּוטאַציע צום גענעראַל־גובערנאַטאָר גענעראַל פּרעזע בעטן, ער זאָל אָננעמען מיטלען קעגן אַ מעגלעכן פּאָגראָם. קיין גרויסן צוטרוי צו װורובלעװסקין האָבן די יידן ניט געהאַט צוליב זיין אָנטייל אין פּראָצעס בלאָנדעס, נאָר װורובלעװסקי איז געװען אַ מענטש פול מיט סתירות. גלייכצייטיק איז ער געװען אַ מיטגליד פון אַ יעזואיטישן אָרדען, אָבער אין 1905 איז ער געװען זייער רעװאָלוציאָנער געשטימט און זיך געריסן צו פאַרטיידיקן יידן. אויף דער באַראַטונג איז באַשלאָסן געװאָרן, אַז מיט דער דעפּוטאַציע זאָל מיטגיין דער ראַבינער, װאָס איז דאַמאָלסט געװען ל. קאָנטאָר. איך האָב גענומען אויף זיך די שליחות איבערצוגעבן פאַרטאָג קאָנטאָרן אונזער באַשלוס. אויף מאָרגן האָט זיך אַ דעפּוטאַציע פון עטלעכע פּערזאָן צוזאַמענגעקליבן ביים ביסקופּ און צוזאַמען מיט אים געגאַנגען צום גענעראַל־גובערנאַטאָר. פּרעזע האָט צוגעזאָגט אָנצונעמען אַלע מיטלען ניט דערלאָזן צו אַ פּאָגראָם, און ער האָט טאַקע געהאַלטן וואָרט.

פונדעסטוועגן האָבן די רעװאָלוציאָנערע פּאַרטייען זיך געגרייט צו אַ באַװאָפנטן זעלבסטשוץ און געבילדעט אַ געהיימע פּאַראייניקטע אָרגאַניזאַציע פון אַלע פּאַרטייען. פון דער דעמאָקראַטישער גרופּע בין איך געװען דעלעגירט. אָפטמאָל פלעגן זיך ביי מיר צוזאַמענקומען פאָרשטייער פון די פּאַרטייען; פון די פּ. פּ. ס. איז עטלעכע מאָל געװען יאָן פּילסודסקי, דאַמאָלסט אַ יונגער אַדװאָקאַט־געהילף. ביי מיר פלעגט מען פאַרטיילן געװער (בראַונינגס). איך האָב געדאַרפט אויך צושטעלן אַ טייל מיטלען פון דער יידישער באַפעלקערונג. 1,000 רובל איז — דוכט זיך — דורך מיר איבערגעגעבן געװאָרן פון די יידישע באַנקירן. אגב איז כדאי צו דערמאָנען, אַז איך האָב דאַמאָלסט געװאוינט אין אַן אונטערשטן גאָרן אויף זאַװאַלנע גאַס 2, און פונקט אַנטקעגן מיינע פענסטער האָט זיך געפונען די קוואַרטיר פון די פעלד־זשאַנדאַרמען.

גלייכצייטיק האָט מען זיך אָנגעהויבן צו גרייטן צו אַ צװייטן גענעראַל־שטרייק, און — אויב ס'װעט זיין נויטיק — צו אַ באַװאָפנטן אויפשטאַנד, אַלס אַן ענטפער אויף דער קאָנטר־רעװאָלוציע. מען האָט פאַראויסגעזען דאָס אַרויסטרעטן פון מיליטער, שלאַכטן אויף די גאַסן, און ס'איז געװען נויטיק צוצוגרייטן סאַניטאַרע אָפּטיילונגען פון רויטן־קרייץ, װי ביי יעדער מלחמה. איך האָב אין דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע גענומען אַן אַקטיװן אָנטייל, פלעג אָפט אַרויסטרעטן צו דעם צװעק אויף גרויסע פאַרזאַמלונגען פון מעדיצינישן פּערסאָנאַל און פון דער יוגנט; די שטאָט איז צעטיילט געװען אויף פּונקטן, מען האָט געזאַמלט געלט, באַנדאַזש־מאַטעריאַל וכדומה. די פּאָליציי־אַגענטן און די זשאַנדאַרמעריע האָבן דאָס משמעות אַלץ געװאוסט און דערנאָך אַליין פּראָװאָצירט אַ בלוט־באָד.

איינמאָל אינמיטן העלן טאָג — סוף נאָװעמבער אָדער אָנהויב דעצעמבער איז דאָס געװען — האָט אַ פּוילישער אַרבעטער יאַנקאָװסקי געשאָסן אין אַקאָלאַדאַטשני נאַדזיראַטעל אַבראַמאָװיטש, װאָס איז געשטאַנען אויף ראָג לידסקי (פּראַנצישקאַנער) זאַולעק און זאַװאַלנע גאַס. װי ס'האָט זיך דערנאָך אַרויסגעװיזן, האָט די קויל קוים דורכגעשאָסן דעם פּאַלטאָ פון נאַדזיראַטעל, װאָס איז געװען אונטערגעשלאָגן מיט פעלץ, און געמאַכט בלויז אַ רויטן פלעק אין הויט פון רוקן. דאָס איז אָבער געװען גענוג, אַז אין אַ פּאָר מינוט אַרום זאָל קומען צעפליען אַ ראָטע סאָלדאַטן מיט ביקסן (אַזוינע פּאַטרולן זיינען געװען פול אין שטאָט) און גענומען שיסן אין דער געװערלאָזער מאַסע פאַרבייגייער (דער עיקר יידן), װאָס האָט זיך צוזאַמענגעקליבן, דערהערנדיק, אַז מען האָט „געשאָסן" אַ פּאָליציאַנט. די גאַס איז פול געװאָרן מיט פאַרװאונדעטע, װאָס זיינען תיכף געבראַכט געװאָרן אין דערבייאיקן יידישן שפּיטאָל. באַלד איז געקומען צופאָרן אין שפּיטאָל דער פּאָליצמייסטער קליִמאָװיטש (אַ ביטערער גזלן; שפּעטער געװאָרן פּאָליצמייסטער אין מאָסקװע), און בעת איך, אַלס אָרדינאַטאָר האָב אים געמאַכט פאָרװאורפן, פאַרװאָס מען האָט געשאָסן אין אומשולדיקע מענטשן, האָט ער מיך, אדרבה, איינגעלאַדן צו זיך אינאָװענט, װאו ס'װעט פאָרקומען אַן אויספאָרשונג פון דער גאַנצער געשעעניש אין געגנװאַרט פון געזעלשאַפטלעכע טוער.

ס'װאָלט געװען לאַנג צו דערציילן די פּרטים פון דער דאָזיקער אויספאָרשונג; ס'איז גענוג צו זאָגן, אַז דערביי זיינען געװען צװיי ליבעראַלע אינזשענערן באַריסאָװ און סאַכאַראָװ, דער געהילף־פּראָקוראָר זאַמיסלאָװסקי (שפּעטער באַקאַנטער אַנטיסעמיטישער דומע־דעפּוטאַט) און אָפיציעלע פּערזאָנען. ס'האָבן געגעבן דערקלערונגען דער „געליטענער" פּאָליציאַנט אַבראַמאָװיטש, װאָס איז געקומען פריש און געזונט, דער אַרעסטירטער יאַנקאָװסקי, אַ האַלבער אידיאָט, װאָס האָט זיך אַרויסגעװיזן פאַר אַ צוגעשיקטן „אַנאַרכיסט", די אָפיצירן, װאָס האָבן געהייסן שיסן. „מיינענדיק", אַז די סאָלדאַטן האָבן ניט קיין אָנגעלאָדענע געװער, און „על פּי טעות" איז די געװער יאָ געװען אָנגעלאָדן א. אַז. װ. פאַר אַלעמען איז קלאָר געװען, אַז די גאַנצע מעשה איז געװען אַ גראָבע פּראָװאָקאַציע.

דעם 11 דעצעמבער 1905 ביידערנאַכט איז מיין װאוינונג פון אַלע זייטן אַרומגערינגלט געװאָרן מיט קאָנװאָיען, און לויט דעם אָרדער פון דער אָכראַנע בין איך אַרעסטירט געװאָרן און אָפּגעפירט אין לוקישקער טורמע. דאָ האָט זיך שוין צוזאַמענגעקליבן אַ היפּשער עולם, און װאָס פון טאָג זיינען צוגעקומען נייע אַרעסטירטע. דער רוב „פּאָליטישע" זיינען באַשטאַנען פון אייזנבאַנער, פון פּאָסט־ און טעלעגראַף־באַאַמטע, פון דעם פּערסאָנאַל פון דעם גרויסן קרייז־שפּיטאָל פאַר פּסיכישע קראַנקע (1,000 בעטן) אין ניי־װילייקע (װאו ס'פלעגן פאָרקומען מאַסנמיטינגען) א. א. מיט אונז זיינען אויך געזעסן ד"ר װייִלישיס (ליטװינער), ד"ר אַפּטעקמאַן (אַלטער נאַראָדאָװאָלעץ), אָרדינאַטאָר פון ניי־װילייקער פּסיכיאַטרישן שפּיטאָל, אַדװאָקאַט מעטשיסלאָװ קאָזלאָװסקי (שפּעטער קאָמוניסטישער קאָמיסאַר), ניקאָלאַי ראַדין, רעדאַקטאָר פון „סיעװעראָזאַפּאַדנאַיאַ סלאָװאָ", איסײַ אייזנשטאַדט (יודין), באַקאַנטער אַלטער בונדישער טוער, אינזשענערן, אַדװאָקאַטן, סטודענטן א. א. אין אָנהויב איז דער רעזשים אין תפיסה געװען אַ גאַנץ מילדער. הגם מיר זיינען געזעסן אין באַזונדערע צעלן, האָבן מיר בייטאָג געהאַט די מעגלעכקייט זיך צו זען איינער מיט דעם אַנדערן (דער עיקר נאָענט בין איך געװען מיט אייזנשטאַדטן און ראַדינען), באַקומען עסן פון שטאָט, זיך זען מיט דער פאַמיליע א.ד.גל. זער נאַטשאַלניק איז געװען דונקעל, אַ װילנער תושב, באַזוכט די װילנער גימנאַזיע, אַ דאָקטאָרס אַ ברודער, און האָט זיך געװאָלט ביי אונז אויספּיינען מיט זיין ליבעראַליזם. אָבער צװיי געשעענישן — און אפשר נאָך אַנדערע פּאָליטישע מאָטיװן — האָבן באַלד פאַרערגערט אונזער לאַגע.

איינמאָל האָט מען צו אונז געבראַכט פון קורלאַנד אַ יונגן לעט, װאָס איז געװען פאַרמישט אין װיכטיקע טעראָריסטישע אַקטן, און אים האָט געדראָט טויט־שטראָף. קיינער פון אונז האָט אים ניט געקענט, זיין פאַמיליע ניט געװאוסט, און קיין רוסיש האָט ער — דוכט זיך — אויך ניט פאַרשטאַנען. די אָרגאַניזאַציעס אין שטאָט האָבן באַשלאָסן אים אַנדערש ניט צו באַפרייען פון געפענגעניש. ער איז געזעסן אַליין אין אונזער קאָרידאָר, און מיר זיינען געװען טשיקאַװע, צי ס'װעט דאָס טאַקע זיך איינגעבן. אָבער קיין שום „ניסים", פון װעלכע

מען האָט אונז דערציילט, זיינען ניט פאָרגעקומען, און דער לעט איז געבליבן. דאָן איז מען איינגעפאַלן אויף אַן אַנדער המצאה: ער זאָל זיך מאַכן קראַנק אַזוי, אַז מען זאָל אים איבערפירן אין שפּיטאָל, און פון דאַנען וועט שוין דאָס באַפרייען זיין גרינגער.

אַזוינע פאַלן פלעגן דאַמאָלסט ניט זעלטן פאָרקומען. איך דערמאָן זיך אַ פאַל, ווען אַ שווער פאַרוואונדעטער פּאָליטישער אַרעסטאַנט (אַ יידישער אַרבעטער) איז פון יידישן שפּיטאָל אַנטלאָפן דורכן פענסטער, ניט קוקנדיק וואָס שטענדיק איז לעבן אים געווען אַ קאָנוואָי. מען דערציילט, אַז זיין כלה האָט אים געבראַכט ווייבערשע קליידער, אים אַראָפּגעלאָזן אויפן גאַס אויף האַנטיכער, און דערנאָך — אַז זיי זיינען ביידע שוין געווען אין אויסלאַנד — צוגעשיקט דער זשאַנדאַרמעריע אַ בריוו מיט זייער פאָטאָגראַפיע.

מיך האָט מען אָנגעבעטן, איך זאָל דעם לעט אויסלערנען, ווי צו „ווערן שווער קראַנק“. איך האָב געראָטן צו סימולירן קאָנוואולסיעס, ברעכן, באַוואוסטלאָזיקייט, קאָפּווייטיק א. ד. גל. מען האָט גערופן דעם תפיסה־דאָקטאָר (פון מיליטער) שרייבער; ער איז געוואָרן אין פאַרלעגנהייט מכוח דעם דיאַגנאָז און מיך געבעטן אויף אַ קאָנסיליום. איך האָב געשטעלט דעם דיאַגנאָז — טובערקולאָזע מאַרך־אָנצינדונג, אַן אומהיילבאַרע קראַנקייט. דעם קראַנקן האָט מען טאַקע באַלד איבערגעפירט אין שפּיטאָל יאַקוב (איצט האָט שוין די לוקישקער תפיסה אַן אייגענעם שפּיטאָל). אין אַ קורצער צייט אַרום האָט אַ באַוואָפנטע חברה אים פון שפּיטאָל אַרויסגעכאַפּט. איך בין זיך דאָ מודה אין אַ האַנדלונג, וואָס איז קעגן דער דאָקטוירים־עטיק; אָבער אַזאַ רעוואָלוציאָנערע צייט איז דאַמאָלסט געווען, ווען אַלגעמיינע געזעצן ווערן געבראָכן. קיינער — ס'פאַרשטייט זיך — האָט מיך דאָן אין אַ בכוונהדיקן פאַלשן דיאַגנאָז ניט חושד געווען. אויך דער שפּעטערדיקער נאַטשאַלניק פלעגט מיך ניט איינמאָל רופן צו חולאים אין תפיסה. אָבער ד״ר שרייבער האָט זיין פּאָסטן נאָכדעם פאַרלאָרן.

ערגער האָט זיך אָפּגערופן אויף אונז די אַנדערע מעשה. אין די כלים, וואָס מען פלעגט ברענגען מיר און קאָזלאָווסקין, פלעגן מיר איבערשיקן בריוו אַהיים. איינעם אַזאַ בריוו האָט מען געפּאַקט, און פון דאָן אָן איז דער רעזשים געוואָרן פיל שטרענגער, דונקעל איז אַראָפּ און אויף זיין אָרט איז געקומען אַ נייער נאַטשאַלניק (פאַרגעסן זיין נאָמען), די זעאונגען זיינען ערלויבט געוואָרן בלויז איינמאָל אַ וואָך (פאַר יידן שבת, פאַר קריסטן זונטאָג) פאַר אַלעמען צוזאַמען דורך 2 רייען גראַטעס (אַלס פּראָטעסט האָבן מיר זיך לכתחילה לגמרי אָפּגעזאָגט פון דעם), עסן האָט מען געקענט באַקומען בלויז דורך דער פאַרמיטלונג פון דער קאַנצעלאַריע, בריוו שיקן נאָר דורכן פּראָקוראָר א. ד. גל. ס'איז געוואָרן אומעטיקער אויפן האַרצן, און צוליב אונז האָבן געליטן אויך די אונטערשטע גאָרנס, וואו ס'זיינען געזעסן די ווייניקער „פּריווילעגירטע“ פּאָליטישע, וועמען מיר פלעגן פון אויבן דורך די גראַטעס פון די פענסטער אַראָפּשיקן אויף שטריקלעך עסנוואַרג. צווישן די דאָזיקע ניט פּריווילעגירטע האָט זיך געפונען אַ שטייגער אַ יונגער בחור יעדידאָוויטש, אַ דינס אַ זון (איצט אַ באַקאַנטער יידישער לערער). אַפילו שטיין לאַנג אויף דער טאַבורעט און קוקן דורך די גראַטעס פון הויכן פענסטער האָט מען אויך ניט געטאָרט. פון הויף פלעגט זיך מערניט הערן דאָס ריטמישע קלינגען פון די שווערע פוס־קייטן פון די קרימינעלע, און אַמאָל פלעגט געלינגען אַ קוק טאָן אויף די אַרעסטאַנטן פון די אַנדערע קאָרפּוסן, בעת זיי שפּאַצירן איבערן הויף. אַ וואונדערבאַרן איינדרוק פלעגט מאַכן אַ יידישער בחור דייטש, וואָס איז פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט (אַזוינע פלעגן דאַמאָלסט פאַרן דורכפירן פון פּסק אַמאָל נאָך אָפּזיצן אייניקע חדשים): אויך אין זיין אַרעסטאַנטן־קליידונג איז ער געווען פריילעך, שיין און עלעגאַנט און פלעגט אַלע מאָל זיך מיט אַלעמען גוטמוטיק באַגריסן (דוכט זיך, דער פּסק איז ניט דורכגעפירט געוואָרן, און ער איז אַנטלאָפן).

5½ חדשים האָב איך פאַרבראַכט אין לוקישקער טורמע, פון 11 דעצעמבער 1905 ביז 21 מאַי 1906. און מען האָט מיר אַדמיניסטראַטיוו צוגעפּסקנט צו פאַרשיקן אויף 3 יאָר אין אַרכאַנגעלסקער גובערניע. מערניט אויף 5 טעג האָט מען מיך אַרויסגעלאָזן אויף צו „ברענגען אין אָרדנונג מיינע געשעפטן“. אָבער אין משך פון די 5 טעג איז געלונגען צו פועלן, מען זאָל מיר אַרכאַנגעלסק פאַרבייטן אויף אויסלאַנד. מסתמא איז די זאַך שוין צוגעגרייט געוואָרן פון פריער: ניט ווייניק האָט מען פאַר מיר זיך אין פּעטערבורג משתדל געווען. איך ווייס מערניט, אַז ביים אַרויסגיין פון תפיסה האָט דער וראַטשעבני אינספּעקטאָר (גובערניאַלער געזונט־אינספּעקטאָר) ד״ר יאַצוטאַ פאַר 200 רובל „וזיאַטקע“ (כאַבאַר), וואָס יצחק גאָלדבערג (אַלס גרויסער דראָגן־סוחר איז ער געווען „באַקאַנט“ מיט שררות) האָט אים פאַר מיר געגעבן, מיך אָנערקענט פאַר „קראַנק“ און באַשטעטיקט, אַז דער צפון־קלימאַט איז פאַר מיר „שעדלעך“. דער גורל האָט געוואָלט, אַז אין אַ פּאָר יאָר אַרום זאָל איך קורירן אי דעם תפיסה־שעף, אי דעם געזונט־אינספּעקטאָר. ביידע לעבן שוין איצט ניט.

כדי אויסצומיידן אַ דעמאָנסטראַציע, האָט מען מיר דערלויבט אָפּצופאָרן פון ווילנע מיט דעם שלעפּצוג, וואָס גייט מערניט ביז דער גרענעץ, אין באַגלייטונג פון אַ פּאָליציאַנט, און איך האָב געמוזט איבערנעכטיקן מיט מיין פרוי און 3 קליינע קינדער אין איידקונען. אויף מאָרגן בין איך שוין געפאָרן אַלס אַ פרייער מענטש. איך האָב פאַרבראַכט אין דייטשלאַנד (אין בערלין און אין היידעלבערג) כמעט אַ יאָר, באַזוכט די קליניקעס און זיך פאַרנומען מיט מעדיצין. אַ געוויסע צייט האָב איך געוואוינט אין דער שווייץ און זיך דאָרטן געטראָפן מיט איזענשטאַדטן, וועלכער איז שפּעטער פאַר מיר אויך אַרויסגעלאָזן געוואָרן פון תפיסה, און אויך מיט זיין שוועגערין און שוואָגער סטאָן פון אַמעריקע. דער סטאָן איז געווען אַן אינטערעסאַנטער מענטש. ראָזענשטיין פון אָדעס, איז ער, אַ יונגער בחור, אַנטלאָפן אין אַמעריקע און האָט זיך דאָרטן דערשלאָגן דערצו, אַז ער איז געוואָרן אַ הויכער באַאַמטער אין מיניסטעריום פאַר דער צייט פון פּרעזידענט רוזוועלט. ער איז געווען אַ ספּעציאַליסט אין אינטערנאַציאָנאַלע טאַריפן און געווען געשיקט פון אַמעריקאַנער מיניסטעריום אין בראַזיליע און דערנאָך אין אַלע הויפּט־שטעט פון אייראָפּע. אין בערלין האָט ער אַ געוויסע צייט געוואוינט אין דעם שענסטן האָטעל, געהאַט אַן אודיענץ ביי ווילהעלמען און געווען איינגעלאַדן מיט זיין פרוי אויף מיטאָג צום דייטשן אויסלאַנדס־מיניסטער טשירסקי (דאָס קליין בונדיסטיש ווייבל האָט נעבעך געמוזט צוליב דעם נייען אַ נייע זיידענע קלייד). אויף זיין רייזע אין פּאַריז, לאָנדאָן און דערנאָך אין בריסעל, בין איך מיט אים מיטגעפאָרן און אויך אַ ביסל אויסגענוצט זיינע דיפּלאָמאַטישע באַקוועמלעכקייטן. ניט ווייסנדיק, ווען איך וועל זיך קענען אומקערן אַהיים, האָב איך געוועסט געוואָלט בלייבן אין לאָנדאָן פּראַקטיצירן אין ווייטשאַפּל (וואָס האָט דאַמאָלסט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ מין אונזערע אַ יידישע שטאָט), אָבער עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז פאַרבונדן מיט גרויסע שוועריקייטן.

אויף אַזאַ אופן בין איך אין משך פון 1½ יאָר געווען אָפּגעריסן פון פּאָליטישן לעבן פון רוסלאַנד. אָן מיר זיינען פאָרגעקומען די וואַלן צו דער ערשטער דומע און איר פונאַנדערלאָזן. דערווייל האָט מיין שוועגערין, פּאַלינע שאַבאַד, אָן אונזער וויסן ניט אויפגעהערט זיך משתדל זיין, מען זאָל מיר דערלויבן זיך אומקערן אין רוסלאַנד פריער פאַר דעם 3־יאָריקן טערמין, און טאַקע דעם 7־טן מאַי 1907 האָב איך באַ־

קומען פון ווילנער גובערנאטאר לובימאוו די ערלויבעניש צוריקצוקומען אין ווילנע. באקאנטע פאציענטן, באגעגענענדיק מיך אויפן גאס, פלעגן מאכן א ברכה פון שמחה, און איך האב גלייך ווידער באקומען א ברייטע מעדיצינישע פראקטיק. א יאר בין איך געווען „אונטער דער אויפזיכט פון פאליציע", ניט געטארט ארויספארן פון שטאט אן אן ערלויבעניש, און דער גובערנאטאר האט מיר מתרה געווען, אז איך בין ניט „דער העלד פון זיין ראמאן", ווי ער האט זיך אויסגעדריקט.

ביסלעכווייז בין איך פונדעסטוועגן ווידער אריינגעצויגן געווארן אין געזעלשאפטלעכן לעבן. א היפשע געזעלשאפטלעכע ראלע האט דאמאלסט געשפילט אין ווילנע די אנטי-טובערקולאזע ליגע, וואס איז געווען געשאפן לויט מיין איניציאטיוו. דאס איז געווען די איינציקע ארגאניזאציע, וואס האט פאראייניקט דאקטוירים און געזעלשאפטלעכע טוער פון אלע נאציאנאליטעטן: רוסן, פאליאקן, יידן און ליטווינער. צווישן אנדערע האבן פון די רוסן גענומען אנטייל דאקטוירים קראאינסקי, נאטאריוס ברוכאנאוו, היכע באאמטע און זייערע פרויען. פון די פאליאקן — די דאקטוירים מארעניטש, קעווליטש, די אדוואקאטן באגינסקי, אבראמאוויטש און דאמען פון דער געזעלשאפט. פון די ליטווינער — יאנאס ווילײשיס (איצט שטאט-פרעזידענט אין קאָוונע), סמעטאנע (איצט פרעזידענט פון דער ליטווישער מלוכה) א. א. אימפאזאנט איז געווען דער ערשטער זאמלטאג („ווייסער בלימל") דעם 8 מאי 1912, וואס האט געגעבן 18.000 רובל (א קאלאסאלע סומע פאר יענער צייט), אין וועלכן ס'האט גענומען אנטייל די גאנצע שטאט, אפילו די פרוי פון גענעראל רענענקאמף. איך בין געווען וויצע-פארזיצער, געהאלטן פארטראגן, געשריבן ארטיקלען, צוזאמענגעשטעלט באריכטן (געדרוקט אין רוסיש) און געארבעט זייער אקטיוו. פון אנהויב איז פארזיצער געווען ד"ר מארעניטש (פאליאק), און נאך זיין טויט דער רוס ברוכאנאוו, און 2 וויצע-פארזיצערס — ד"ר קעווליטש און איך. מען מוז זאגן, אז די יידישע געזעלשאפט, וואס האט געהאט גענוג אייגענע חברות, האט פארהעלטניסמעסיק גענומען א קלענערן אנטייל אין דער ליגע, ווי די קריסטלעכע. צוזאמען מיט מיר האבן דאן געארבעט ד"ר בארכאש, ד"ר שאפירא, אינזש. ליטויער, פרוי אראנאווסקא א. א. א פאליטישע באדייטונג האט דאמאלסט געהאט דאס, וואס די אויסגאבן פון דער ליגע — א שטייגער די כללים, ווי זיך צו פארהיטן פון טובערקולאזע — זיינען געווען געדרוקט אויף רוסיש, פויליש, יידיש און ליטוויש. די זאמל-טעג האבן די גייסטלעכע פון אלע גלויבנס אונטערשטיצט פון די אמוואנען און בימות, און ס'זיינען געווען געקלעפט אויף די גאסן קול-קוראס פון די פאפעס, קסיאנדזן און פון די רבנים.

די מלחמה האט איבערגעריסן די ארבעט פון דער אנטי-טובערקולאזער ליגע, ווי פון אלע אנדערע געזעלשאפטן. די געמויערטע וועגט פון דער סאנאטאריע, וואס די ליגע האט אנגעהויבן צו בויען אויף געשאנקענע דורך דער מלוכה ערד (אין פאנארי, לעבן אייזנבאן-טונעל) שטייען נאך עד-היום ניט פארענדיקט. ס'האבן זיך אנגערוקט וויכטיקערע געשעענישן און גרעסערע זארגן.

דאס לעבן אין ווילנע בעת דער מלחמה פון סוף יולי 1914 און דער דייטשער אקופאציע (פון 5/18 סעפטעמבער 1915) איז שוין גענוג געשילדערט אין די 2 בענדער „ווילנער זאמלביכער", וואס זיינען ארויס אונטער מיין און מ. שאליט'ס רעדאקציע אין ווילנע בעת דער דייטשער אקופאציע (1916 און 1918), אין „פנקס" (1922) פון דער ווילנער היסטאריש-עטנאגראפישער געזעלשאפט אויפן נאמען פון ש. אנ—סקי, אין מ. שאליט'ס העפטן („פון די מלחמה-יארן", ווילנע 1922) און אין ד"ר וויגאדסקי'ס „אין שטורם".

א פאר ווערטער וויל איך נאך צוגעבן צו מיינע „זכרונות", וואס זיינען געדרוקט אין דעם איצטיקן פנקס (ז. אויבן זייטן 574—603), וועגן מיינע איינדרוקן פון גאליציע, וואס איך האב באקומען, זייענדיק דארטן אלס מיליטער-דאקטאר אנהויב 1915. א בולטן בילד פון די דאמאלסטיקע געשעענישן האט געגעבן ש. אנ—סקי אין זיין „חורבן גאליציע". איך קען נאר באשטעטיקן דאס אלץ, וואס ער האט מיט זיין טאלענט און הארציקער פעדער באשריבן.

איך בין געפארן אין לוואוו (לעמבערג) מיט א דירעקטן צוג פון פעטערבורג — סוף דעצעמבער 1914. דאס איז שוין געווען א גרויסער „נצחון" פאר דעם רוסישן אימפעריאליזם: „טשערוואנאיא רוס", דער „פון אייביק אן („איסקאני") רוסישער קאנט" איז געווארן דירעקט פאראייניקט מיט גרויס-רוסלאנד. מערניט אין בראד האט מען געדארפט זיך איבערזעצן אין אן אנדער צוג, ווייל די שינעס זיינען נאך ניט געווען צוגעפאסט צו די רוסישע וואגאנעס. אין זעלבן צוג מיט מיר איז געפארן גרויספירשט קיריל אלעקסאנדראוויטש (א היכער עלעגאנטער פולקאווניק אין א קאווקאזער בורקע), דער שעף פון דער „ווילדער ארמיי" (צוזאמענגעשטעלט טאקע פון ווילדע קאווקאזער קאזאקן), וואס פלעגט שוין מיט איר באווייזן זיך אליין ווארפן אן אימה אויף דער באפעלקערונג: ס'איז ניט געווען קיין גרעניץ פאר זייערע מעשים-תעתועים, וואס זיי פלעגן אנטאן אין דעם „באזיגטן לאנד". די ערשטע כפרה זיינען, ס'פארשטייט זיך, געווען די יידן. מען פלעגט ראבעווען, אונטערצינדן גאנצע ישובים, שלאגן זקנים און קינדער, שענדן פרויען.

אין בראד בין איך געבליבן א פאר שעה. אפגעריסענע יידישע יינגלעך האבן פארקויפט רוסישע צייטונגען, זיך געריסן צוצוטראגן א פעקל פון באן, יידישע פרויען האבן אין זייערע שטעמערס פארקויפט עסנווארג די סאלדאטן, די גאס, וואס פירט פון שטאט, האט געטראגן אויף זיך סימנים פון שרפות און צעשטערונג. מאנכע גאסן האבן שוין געהאט רוסישע נעמען (פושקינסקאיא—דוכט זיך—א. א.). א שטילקייט, אן ארעמקייט און טרויער איז געלעגן אויף אלץ. מערניט אויפן בית-עולם, וואס איך האב באזוכט, זוכנדיק די קברים פון מיין פרויס קרובים, איז ניט קענטיק געווען פון דער מלחמה און פון דער נייער מאכט. אבער אויך דער שומר האט מיט שרעק און אומצוטרוי געקוקט אויף מיינע מיליטערישע בגדים. אין לוואוו, פארקערט, איז געווען זייער לעבעדיק. דער שיינער וואקזאל (שפעטער ביים אפטרעטן האבן די רוסן אים פארברענט) איז געווען פול מיט מיליטער, אויך אין שטאט האט געקאכט, און אלע האטעלן זיינען געווען פארנומען. איך האב געקראגן א שמוציקן נומער אין „זשארזש" לעבן א קאמפאניע אפיצירן, וואס האבן נאכאנאנד געשכורט און געהולטאיעט מיט פרויען.

קומענדיק איינמאל פון טארנאוו קיין לוואוו, וואו איך האב זיך געדארפט זען מיט מיין שעף דעם גראף דאלגארוקאוו, האב איך געזוכט זיך צו באקאנען מיט דער לאגע דא פון די יידן. ניט די פאסט, ניט די טעלעפאנען זיינען פאר דער ציווילער באפעלקערונג, ס'פארשטייט זיך, ניט געווען צוטריטלעך, און איך האב געמוזט זוכן אנדערע וועגן. גראד האב איך אין זעלבן האטעל געטראפן ד"ר לאנדערן, וואס איך האב געקאנט נאך פון פעטערבורג. ער איז געווען מיליטער-דאקטאר אין פאלק, וואס איז געשטאנען אין ראווא-רוסקא, א סטאנציע לעבן לוואוו, און פלעגט אויסנוצן יעדע לעגאלע און אומלעגאלע געלעגנהייט אום צו קומען זיך זען מיט די יידישע פארשטייער. ד"ר לאנדער איז געווען א וואונדערבארער פילנדיקער מענטש און האט זיך זייער גענומען צום הארצן די אלע יידישע צרות און עוולות, וואס ער האט געזען ארום זיך. שטעלנדיק זיך אין גרויסער געפאר אלס מיליטער-דאקטאר, האט ער געקליבן אלע געהיימע דאקומענטן און פארארדענונגען, וואס זיינען דאן פון דער

רוסישער מאַכט אַרויסגעגעבן געוואָרן קעגן די יידן, וואָס האָבן געדינט אין מיליטער און אויך קעגן דער יידישער ציוויל־באַפעלקערונג. חוץ דעם איז ד״ר לאַנדער, זיך צוקוקנדיק צו דער שרעקלעכער נויט פון די יידן אין גאַליציע, עטלעכע מאָל — אונטער פאַרשיידענע אויסריידן — געפאָרן אין פעטערבורג, רעפערירט וועגן דעם אין די יידישע קרייזן און באַוועגט דעם קאָמיטעט „יעקאָפּאָ״ צו שיקן אַהער הילף.

איך האָב פאַרבראַכט מיט לאַנדערן עטלעכע טעג און פאַר דער צייט זיך אַזוי באַפריינדעט מיט אַט דעם האַרציקן מענטשן, אַז מיר האָבן זיך צוזאַמען פאָטאָגראַפירט און געחלומט זיך נאָך אַמאָל צו זען נאָך דער מלחמה ביי בעסערע צייטן. צום באַדויערן, האָב איך אים פון דאַן אָן ניט געזען, און זיך ביז־איצט ניט געקענט אַפילו דערוויסן, צי ער לעבט.

פון דער לעמבערגער יידישער אינטעליגענץ איז אין גאַליציע בעת דער רוסישער אָקופּאַציע געבליבן בלויז אַ קליין הייפל. אין לעמבערג האָט דאַמאָלסט פאַרביטן דעם הויפּט־ראַבינער דער ד״ר הויזנער (שפּעטער סיים־דעפּוטאַט, איצט פּוילישער קאָנסול אין פּאַלעסטינע), וואָס איז אייגנטלעך — דוכט זיך — געווען רעליגיאָן־לערער. דעם ראש־הקהילה האָט פאַרביטן ה. דיאַמאַנט. לאַנדער איז געוואָרן אין דער לעמבערגער קהילה שוין אַן אייגענער מענטש, און זיין רוסיש־מיליטערישע אוניפאָרם האָט קיינעם ניט אָפּגעשראָקן. דאַמאָלסט האָט זיך געהאַנדלט וועגן דעם צי זאָלן די לעמבערגער יידן, אַלס עסטרייכישע בירגער, אָפּיציעל נעמען געלט־שטיצע פון די פעטערבורגער יידן, וואָס זיינען דאָך רוסישע בירגער. כדי די זאַך אויסצושטעלן אויף אַ לעגאַלן אופן, האָט מען געדאַרפט בילדן אַן אַנטשפּרעכנדיקן קאָמיטעט מיט דער דערלויבעניש פון דער רוסישער מיליטערישער מאַכט. ה. דיאַמאַנט איז געווען אין דעם פּרט זייער צוריקגעהאַלטן, און האָט געזען אויסצומיידן וועלכע ס׳איז מגע ומשא מיט רוסישע בירגער. הויזנער איז געווען נאָכגיביקער און איז געגאַנגען צוליב דעם אויף אַן אוידיענץ צום לוואָווער גענעראַל־גובערנאַטאָר באָברינסקי. דער פאַרמיטלער איז געווען דוד פיינבערג פון פעטערבורג, וואָס האָט דאַן זייער פיל געטאָן אויפן געביט פון געבן שטיצע די געליטענע פון דער מלחמה. די יידן אין גאַליציע זיינען געווען זייער נידערשלאָגן; פיל האָט מען אָוועקגעשלעפּט פאַר „זשאַלאַזשניקעס״ (ערובניקעס) אין קיעוו, און מען איז נאָך געווען אונטער דעם פרישן איינדרוק פון די מיליטערישע „עקסצעסן״, וואָס זיינען אין שטאָט פאָרגעקומען אין די ימים־נוראים־טעג. ווי אַלע מאָל אין אַזוינע פאַלן, האָבן די אָפּיציעלע קרייזן פאַרזיכערט, אַז די „יידן האָבן געשאָסן פון די פענסטער״ אין מיליטער. באָברינסקי האָט דערלויבט צו גרינדן אַ הילפס־קאָמיטעט און האָט „באַרואיקט״ די יידישע דעפּוטאַציע, אַז די יידן פון גאַליציע (אַז דאָס לאַנד וועט געהערן צו רוסלאַנד, איז פאַר אים משמעות גאָר קיין ספק ניט געווען) וועלן האָבן די זעלבע „רעכט״, וואָס די רוסישע יידן.

אין איינעם אַן אָוונט, ווען איך בין צוזאַמען מיט לאַנדערן געווען אויף אַן ענגער זיצונג אין לעמבערגער קהילה, האָב איך דערציילט וועגן דעם, וואָס איך האָב געזען אין דעם פולשטענדיק רואינירטן שטעטל דעמביצע, אין קראָסנע, בוטשאַטש, טאַרנאָוו א. א. דאָס האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט די געדריקטע שטימונג. איך ווייס ניט, ווי ס׳איז שפּעטער געווען אָרגאַניזירט די שטיצע אין גאַליציע. אין דער צייט, ווען איך בין דאָרטן געווען (יאַנואַר 1915), איז דאָס פאַרגעקומען זייער שווער. איך, צום ביישפּיל, האָב געהאַט די מיסיע איבערצוגעבן 300 רובל (דוכט זיך) איינעם אַ צאָן־דאָקטאָר (איך געדענק ניט די פאַמיליע) אין טאַרנאָפּאָל. אָבער דער אומצוטרוי מצד דער יידישער באַפעלקערונג צו אַ רוסישן מיליטערמאַן (איך האָב געהאַט דעם „טשין״ פון אַ פּאָלקאָווניק) איז געווען אַזאַ, אַז מיר איז דאָס ניט געלונגען, און איך האָב געמוזט, אומקערנדיק זיך אין ווילנע (פעברואַר 1915), אָפּשיקן דאָס געלט צוריק, ניט אויסנוצנדיק זיי. אויך אין טאַרנאָוו, וואו איך האָב פאַרבראַכט עטלעכע וואָכן, איז מיר ניט אויסגעקומען זיך נענטער צו באַקאַנען מיט דער יידישער באַפעלקערונג. הגם איך האָב גענומען אַנטייל אין דער אַמבולאַטאָריע, וואָס מיר האָבן געעפנט פאַר דער ציווילער באַפעלקערונג. אַפילו דער אָרטיקער דאָקטאָר אָדער, וועלכן איך האָב באַזוכט, האָט זיך אויך געהאַלטן ווייט פון מיר. נאָך מערער דעריבער דאַרף אָנערקענט ווערן די פאַרדינסטן פון ד״ר לאַנדער און די קונסט פון ש. אַנ—סקין, וואָס האָט פאַרשטאַנען צו באַקומען אַ צוטריט צו אַלע קרייזן פון גאַליציע און צוזאַמענגעקליבן אַזאַ רייכן און ווערטפולן מאַטעריאַל *).

בעת דער מלחמה איז מיר ניט אויסגעקומען צו שרייבן וועגן מיינע איינדרוקן פון גאַליציע. אַלע מיינע פּרובן אין דעם זין דער אין ווילנער רוסישער צייטונג „סיעוועראָ־זאַפּאַדני גאָלאָס״ און אין דער יידישער „וואָך״ (אונטער ניגערס רעדאַקציע) זיינען פון דער מיליטער־צענזור אויסגעמעקט געוואָרן. אַ קליינער קאַפּיטל איז מיט דריי יאָר צוריק אָפּגעדרוקט געוואָרן אין לעמבערגער „דער מאָרגן״ (1927, נומ. 141).

צוקוקנדיק זיך — אמת, אַ קורצע צייט — צו דער יידישער באַפעלקערונג פון גאַליציע בעת דער מלחמה, און קענענדיק די שטימונג פון די יידן בעת דער מלחמה און אָקופּאַציע פון אונזערע קאַנט, בעט זיך ניט ווילנדיק מאַכן אַ פּאַראַלעל צווישן אַט די ביידע געביטן, וואָס זיינען איצט, לויט דעם גורל פון דער געשיכטע, פאַראייניקט געוואָרן אין איין מלוכה — פּוילן. מיר דוכט זיך, אַז ביי די גאַליציאַנער יידן איז דאַן געווען אַ סך שטאַרקער איינגעבאַקן אין האַרצן דער פּאַטריאָטיזם צו עסטרייך און צו איר קייזער פראַנץ־יאָזעף, איידער ביי אונזערע יידן — צו רוסלאַנד און בפרט צו ניקאָלאַיען. געוויס דערקלערט זיך דאָס מיט דעם, וואָס אין עסטרייך זיינען די יידן געווען פולבאַרעכטיקטע בירגער, בעת אין רוסלאַנד זיינען זיי געווען אונטערגעוואָרפן פאַרשיידענע באַגרענעצונגען. אמת, די ווילנער יידן האָבן זיך בעת דער דייטשער אָקופּאַציע געהאַלטן פיל לאָיאַלער צו רוסלאַנד ווי אַ שטייגער די פּאָליאַקן אָדער ליטווינער (זיי האָבן דאָך געהאַט גאָר אַנדערע אַספּיראַציעס), און זיך ניט געלאָזן אַריינשלעפּן אין וועלכע ס׳איז פּאָליטישע קאָמבינאַציעס און אַוואַנטורעס. אָבער בעת ס׳איז געגאַנגען וועגן באַקומען הילף פאַר דער באַפעלקערונג, איז קיינעם ניט איינגעפאַלן זיך אָפּצושטעלן פאַר דעם, אויב אַפילו דאָס געלט איז געגאַנגען דורך די דייטשע יידן. ווער רעדט, ווען ס׳האַנדלט זיך וועגן מעדיצינישער הילף, איז פאַר אַ יידן (אָדער יידענע) פון אַ גאַנץ יאָר קיין אָפּשטעל ניט געווען: יעדן דייטשן מיליטערישן דאָקטאָר פלעגט מען שוין גלייך נאָך זיין קומען אָנרופן „פּראָפעסאָר״ און מען פלעגט אים רופן צו חולאים. גראָד שפּעטער, בעת די מלחמה האָט זיך שוין געענדיקט, און די ישועה פון דעם געגאַרטן שלום איז נאָך ניט געקומען, האָט מען אָנגעהויבן צום גוטן דערמאָנען די פאַרמלחמה־יאָרן, דעם ברייטן שליאַך און דעם גרויסן וועלט־מאַרק.

מיטן אָנהויב פון אָפּטרעטן פון די רוסישע חיילות בין איך צוריקגעקומען אַהיים. ס׳איז קלאָר געווען, אַז דער שונא דערנענטערט זיך צו ווילנע, און איך האָב באַשלאָסן די שטאָט ניט צו פאַרלאָזן, וואָס פאַר אַ שווערע צייטן ס׳זאָלן ניט קומען. מיין פאַמיליע איז אָפּגעפאָרן אין פעטערבורג, און איך בין געבליבן אַליין. מיין גרויסע וואוינונג איז געוואָרן אַ מין אכסניה: אין אַ טייל האָבן געוואוינט יונגעלייט, אַ טייל האָט פאַרנומען אַ דייטשער מיליטער־דאָקטאָר (אַ זייער אומסימפּאַטישער מענטש).

*) וועגן ד״ר לאַנדער גענויער ז. אויבן זייטן 857—861.
ר ע ד.

מיטן 1915 וויל איך ענדיקן מיין אווטאָ־ביאָגראַפיע. די תקופה 1915—1922 איז אין איר גרעסטן טייל באַשריבן אין די „ווילנער זאַמלביכער" (1916—1918) און אין ווילנער „פנקס" (1922), וואו איך האָב געשריבן „איבערזיכטן" און אויך וועגן שטערבלעכקייט און געבורטן ביי די ווילנער יידן. די צייט ווידער פון 1922 ביז איצט (1930) איז נאָך צו פריש, איך זאָל שרייבן וועגן זיך.

מער ניט לויטן וואונטש פון דער רע־דאַקציע גיב איך איינצלנע ידיעות וועגן מיין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט פאַר די לעצטע 8 יאָר:

פאָרזיצער פון געגנט־קאָמיטעט „יעקאָ־פּאָ" (פון ערשטן טאָג ביז איצט); „אָרט" (ביז 1925); „אָזע" (איצט „טאָז"); פאָרזי־צער אין דער ערשטער ווילנער דעמאָקראַ־טישער קהילה (1919—1920); ראַטמאַן אין ווילנער שטאָטראַט (1919—1927 און 1927 ביז איצט); סענאַטאָר פון קיעלצער וואָיע־וואָדשאַפט (1928—1930); פאָרזיצער פון דער דעמאָקראַטישער (שפּעטער אַלפּוילישער פאָלקיסטיש־דעמאָקראַטישער) פּאַרטיי; צו־זאַמען מיט ה. ד. נאָמבערג, אדוו. י. טשער־ניכאָוו און אדוו. ע. פינקעלשטיין (קאָוונע)— דעלעגאַט אויף דער יידישער קאָנפערענץ אין ציריך (אווגוסט 1927); איינער פון דער רעדאַקציע־קאָלעגיע פונם „פרייען גע־דאַנק" (1926—1927), וואו ס'איז ברייט פּראָפּאַגאַנדירט געווען דער געדאַנק פון דער נויטיקייט ראַדיקאַל איבערצובויען די סאָציאַלע סטרוקטור פון דער יידישער באַפעלקערונג אויף פּראָדוקטיווע יסודות, דער עיקר דורך לאַנדווירטשאַפט; איינער פון די גרינדער פון דעם ווילנער יידישן צענטראַלן בילדונגס־קאָמיטעט (צ. ב. ק.) און מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג פון דער צענטראַלער שול־אָרגאַניזאַציע (צ. י. ש. אָ.); איינער פון די גרינדער פון דער היסטאָריש־עטנאָגראַפישער געזעל־שאַפט אויפן נאָמען פון ש. אַנ—סקי; פון דער ווילנער בילדונגס־געזעלשאַפט (ווילביג); פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט (יוו"א); ערנמיטגליד פון יידישן לערער־פאַר־איין (1918); ערנמיטגליד און וויצע־פאָרזי־צער פון דער ווילנער מעדיצינישער געזעל־שאַפט (1925 — צום 120־יאָריקן יובילעאום פון דער געזעלשאַפט); וויצע־פאָרזיצער און ריכטער פון דער ווילנער־נאָוואָרעדקער דאָקטוירים־קאַמער; פאָרזיצער פון ערנגעריכט ביים ווילנער דאָקטוירים־פאַראיין. צוזאַמען מיט משה שאַליט רעדאַקטאָר פון די צוויי בענדער „ווילנער זאַמלביכער", מיטגליד פון דער רעדאַקציע־קאָלעגיע פון ווילנער „פנקס"; רעדאַקטאָר פון צווייוואָכיקן פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכן זשורנאַל פאַר היגיענע און מעדיצין „פאָלקסגעזונט" (1923 — 1930). דעם צענטראַל־אָרגאַן פון „טאָז"—„אָזע"; מיטאַרבעטער פון יידישע צייטונגען (דער עיקר פון „ווילנער טאָג"), מחבר פון אַ ריי מעדיצינישע און פּאָפּולערע אַרטיקלען און בראָשורן.

(אויטאָביאָגר.).

# EL AMIGO DEL PUEBLO

Concordia, Agosto 6 de 1891 Director—propietario Fernando G. Mendez Ano V—Numero 1039

## NOTICIAS

### INMIGRACION SEMITA

### CONSULTANDO LA CONVENIENCIA DE ABRIR CORRIENTE AL PAIS

### NUESTRA RESPUESTA

He aqui la carta que de Moscow se nos ha dirigido y la contestacion que se nos ocurre, sin exámen tranquilo, pues es sabido con la precipitacion con que hay que tratar estos asuntos en la prensa.

Sin embargo, como datos informativos creemos que son suficientes los conglomerados.

Reproducimos la carta traducida:

Moscow (Rusia) 9-21 de Junio de 1891. — Senor Director de EL AMIGO DEL PUEBLO — Concordia — Senor: Como consecuencia de las muchas restricciones decretadas contra los judios en Rusia, muchos de ellos se verán obligados á emigrar, siempre que esto les sea permitido por nuestro gobierno. En prevision de este caso probable, deseariamos tener informes sobre varians localidades de América, Africa y Australia en las que nuestros correlijionarios pudieran radicar, y por eso, senor, nos dirijimos á Vd. rogándole nos dé una pronta contestacion á las pregunas que vames á formular.

Agradeceriamosle de ig al malera hiciera conocer esta carta de todas aquedas personas que estuvieran en condiciones de proporcionarnos esos datos referentes á los distintos lugares en cuestion; y somos, estimado senor, con profundo respeto, sus obligados y attos. S. S. — *Doctor Shabad*, Moscow-Rusia — *Arbatskoja*, Plotschad dom—*Segaloff*, Kw. nº 6.

### צו דער אווטאָביאָגראַפיע פון ד"ר צ. שאַבאַד.

(ז. אויבן זייט 918)

דאָס איז דער בריוו, וואָס ד"ר שאַבאַד האָט געשיקט קיין אַרגענטינע און וואָס איז געווען אָפּגעדרוקט אין „על אַמיגאָ דעל פּועבלאָ" („פריינד פון פאָלק", אַ גרויסע צייטונג אויף שפּאַניש, וואָס איז ערשינען אין דער אַרגענטינער שטאָט קאָנקאָרדיאַ אין דער פּראָווינץ ענטע ריאָס).

צום בריוו גייען אין דער צייטונג 10 פראַגן, אויף וועלכע ס'ווערן געגעבן גענויע ענטפערס וועגן די גרויסע מעגלעכקייטן און גוטע באַדינגונגען פון קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע. דער בריוו מיט די פראַגן און ענטפערס פאַרנעמען אַ באַדייטנדן טייל פון דער ערשטער זייט פון דעם נומער צייטונג.

די זייער אינטערעסאַנטע ענטפערס, וואָס האָבן ביי היינטיקן טאָג אַ היסטאָרישע באַדייטונג, זיינען איבערגעזעצט אויף רוסיש און זיינען אָפּגעדרוקט אין אַ באַזונדערן אַרטיקל אין „נעדיעלנאַיאַ כראָניקאַ װאָסכאָדאַ" (פּעטערבורג, 20 אָקטאָבער 1891, נומ' 15) אינטערגעשריבן Th. Sh. (טימאָפיי שאַבאַד). די איבערזעצונגען האָט געמאַכט דער לעקטאָר פון שפּאַניש ביים מאָסקווער אוניווערסיטעט ה' מאַלם.

דער בריוו מיט די פראַגן און ענטפערס האָט אַ באַזונדערע באַדייטונג, ווייל ער געהערט צו די ערשטע אָנהייבן פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע. אין צווייטן ענטפער ווערט געזאָגט: „אין דער אַרגענטינער רעפּובליק איז ביז איצט ניט געווען קיין ערנסטע רוסיש־סעמיטישע עמיגראַציע. באַראָן הירש איז איצט פאַרנומען מיט קאָלאָניזירן גרויסע טעריטאָריעס אין אַרגענטינע דורך יידישע עמיגראַנטן".

דער באַטרעפנדער נומער פון דער שפּאַניש־אַרגענטינער צייטונג געפינט זיך אין אַרכיוו פון יוו"אַ אין ווילנע.

רעד.



# ביבליאָגראַפיע

## אַרטיקלען און ביכער וועגן ווילנע און פּראָווינץ אין די יאָרן 1919—1929

אברהם פעקלער

די ביבליאָגראַפישע רשימה נעמט אַרום דעם פּעריאָד פון 1-טן יאַנואַר 1919 ביז דעם 1-טן יאַנואַר 1930. זי ברענגט, חוץ ביכער, די וויכטיקערע אַרטיקלען, נאָטיצן און קאָרעספּאָנדענציעס פון דער ווילנער יידישער טאָג-פּרעסע, וועלכע ס'איז געווען מעגלעך צו באַקומען אין שטראַשון-ביבליאָטעק, אין דער ביבליאָטעק פון „מפיצי השכלה" און אין דעם אַרכיוו און ביבליאָטעק פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט אין ווילנע. די ביבליאָגראַפיע נעמט אַרום נאָר די ליטעראַטור אויף יידיש, וואָס האָט דער עיקר אַ שייכות צום מצב אין ווילנע און פּראָווינץ אין די אָנגערופענע 11 יאָר צייט.

כדי איינצושפּאָרן פּלאַץ זיינען געמאַכט געוואָרן אייניקע טעכנישע פאַרקירצונגען: וואו ס'ווערט געזאָגט „פנקס" ווערט געמיינט דער פּנקס פון דער ווילנער היסטאָריש-עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט אויפן נאָמען פון ש. אַנ—סקי, ווילנע 1922 (תרפ"ג); „לעבן" ווערן געמיינט די העפטן פון צייט צו צייט פאַר ליטעראַטור, קונסט און פּובליציסטיק אונטער דער רעדאַקציע פון משה שאַליט, ווילנע 1920; „אונזער הילף" — אָרגאַן פון געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ" אין ווילנע, 1921—1924 (רעדאַקטאָר משה שאַליט, אַרויסגעבער נתן קאָוואַרסקי); וועגן דער פּרעסע פאַר די יאָרן 1919—1921 ז. דעם אַרטיקל פון א. י. גאָלדשמידט אין פּנקס פון דער ווילנער היסטאָריש-עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט.

אין די קאַנטיקע קלאַמערן ווערן געגעבן אָנמערקונגען אין די פאַלן, ווען צום נאָמען פון אַרטיקל אָדער בוך האָט זיך געפאָדערט אַ געוויסע אויסטייטשונג.

אַ רײ אַרטיקלען, וואָס זיינען געדרוקט געוואָרן אין די יאָרן 1919—1921 און זיינען לויט זייערע הויפּט-טעמעס אַריינגעשטעלט אין באַשטימטע אָפּטיילונגען, קענען אויך טיילווייז געהערן צו דער ערשטער אָפּטיילונג. אויך אייניקע אַנדערע אַרטיקלען קענען געהערן גלייכצייטיק צו פאַרשיידענע אָפּטיילונגען.

ר ע ד.

### I. מלחמה-יאָרן, אָקופּאַציעס און מהומות.

אבראמאָוויטש הירש. די דייטשן אויף די ערשטער — „פנקס", ווילנע 1922, ז' 205—233; זכרונות פון די אַפּריל-טעג — „פנקס", ווילנע 1922, ז' 325—337; וועגן איינשטעלן נאָרמאַלע באַציאונגען צווישן די פעלקער אין אונזער קאַנט— „פריינד", 15 מערץ 1921, נומ' 57.

אלצסן. אויף די פרישע קברים [נאָכן פּאָגראָם] — „ייד. צייטונג", 9 מאַי 1919, נומ' 1; קישענעוו און ווילנע (געדאַנקען צו שלשים) — „ייד. צייטונג", 20 מאַי 1919, נומ' 19.

אנ—סקי ש. אַ דרינגענדער חוב [וועגן פּאָגראָם אין אַפּריל 1919] — „אונזער פרייהייט" זאַמלה., ווילנע, 1919, ז' 10—14; יידישער מלחמה-גלייכווערטלעך — „טאָג", 30 מאַי, 1 יוני 1919, נומ' 19, 20.

באלאבאן מ., פּראָפ. ווילנע בשעת דער מלחמה — „טאָג", 30 מאַי 1923, נומ' 23.

באסטאמסקי ש. פון דער יידישער פאָלקס-שאַפונג פאַר דער צייט פון מלחמה — „לעבן", ווילנע 1921, נומ' 9—10, ז' 47—51.

באַריכטן וועגן דער טעטיקייט פון דער ווילנער קהילה פאַר דער צייט פון 1-טן יאַנואַר 1919 ביזן 15-טן אויגוסט 1920. ווילנע תרפ"א, 1921.

בין. מעשה-לירע [קאָרעספּאָנדענץ]—„טאָג", 18 נאָוועמבער 1921, נומ' 264.

בילד פון גיהנום [וועגן וואָרניאַן] — „טאָג", 18 יוני 1919, נומ' 33.

בילצינסקי א. ווילנע אין ציטער — „צייט", 30 יוני 1921, נומ' 402.

בעקער י. נאָך דער דייטשער אָקופּאַציע— „פנקס", ווילנע 1922, ז' 233—265.

ברוידעס י., ח. לונסקי. באַקאַנט-מאַכונגען, פאַראָרדענונגען, דעקרעטן און באַפעלן — „פנקס", ווילנע 1922, ז' 629—683.

גאָלדשמידט א. י. ווילנער נייע לעגענדעס — „ייד. צייטונג", 20, 29 יוני 1919, נומ' 35, 42; זעקס וואָכן ליטע — „פנקס", ווילנע 1922, ז' 337—383.

גאָרדאָן ש. די פּוילישע אָקופּאַציע און די יידן — „פנקס", ווילנע 1922, ז' 279—325;



דעקרעטן וועגן קאַראַבקע — „פריינד", 23 פעברואַר 1922, נומ' 29.

דער ביטערער גורל פון די אַרעסטירטע [אין די אַפּריל טעג] — „טאָג", 22 מאַי 1919, נומ' 12.

הונגער-קאַטאַסטראָפע אין ווילנע — „טאָג", 4 דעצעמבער 1919, נומ' 172.

הילף פאַר דער פּראָווינץ — „ייד. צייטונג", 6 יולי 1919, נומ' 48.

וואָלפסאָן בוזי. מיטל-ליטע — „פנקס", ווילנע 1922, ז' 383—409.

וואָלק י. פון דער פּראָווינץ: לאַנדוואָראָווע, טראָק, רודישעק, אָלקעניק, ווישנעווע, אָשמענע, אָליטע; נאָווע-ווילייסק א. א. — „ייד. צייטונג", 6, 24 אויגוסט 1919, נומ' 75, 90; 16, 18, 20. 21, 22 יאַנואַר 1920, נומ' 14, 15, 17, 18, 19.

וו. ב. די יידן צווישן די נאַציאָנאַליטעטן פון ווילנער קאַנט — „טאָג פאַר אַמעריקע", ווילנע 1921, ז' 10—11.

ווינאַגראַדסקי יעקב, ד"ר. די מלחמה פון גלייכבאַרעכטיקונג, וואָס מיר האָבן געפירט מיט די דייטשן אין ווילנע (בלעטלעך זכרונות) -- „די וואָך", ווילנע, 8 פעברואַר 1919, נומ' 4, זייטן 119—123; די באַציאונגען צווישן פּאָליאַקן און יידן אין ליטע — „ייד. צייטונג", 1, 2 יוני 1919, נומ' 20, 21; „גרויס-ווילנע" — „ייד. צייטונג", 5 יוני 1919, נומ' 22; די יידישע אַרבעטער און די דייטשע ממשלה אין ליטע — „ייד. צייטונג", 7, 13, 20, 23 יולי, 4 אויגוסט 1919, נומ' 49, 54, 60, 63, 74; ברויט און אַרבעט — „ייד. צייטונג", 19 מאַי 1919, נומ' 9; די פּוילישע און די באָלשעוויסטישע אָקופּאַציעס פון ווילנע אין דער צייט פון דער וועלט-מלחמה (זכרונות) — „לעבן" — העפט — „פון מלחמה-יאָרן", ווילנע 1922, ז' 51—102; ווילנע אין וועלט-קריג — „פנקס", ווילנע 1922, ז' 41—67; צוואַנגס-אַרבעט בעת דער דייטשער אָקופּאַציע — „פנקס", ווילנע 1922, ז' 67—81; אין שטורעם (זכרונות פון די אָקופּאַציע-צייטן) פאַרלאַג ב. א. קלעצקין, ווילנע 1926, 286 ז.; אין גיהנום (זכרונות פון די דייטשע תפיסות בשעת דער וועלט-מלחמה). פאַרלאַג ב. א. קלעצקין, ווילנע 1927, 114 ז.



ווייטער א. אונזער צייט — „די וואָך", ווילנע, 17 יאַנואַר 1919, נומ' 2, ז' 63; די ביר-זשע פון זאַוואַלנע גאַס — „די וואָך", ווילנע, 17 יאַנואַר 1919, נומ' 2, ז' 63.

ווילנע פאַר די מלחמה-יאָרן (אַן אויסשטעלונג) „טאָג", 27 אַפּריל 1920, נומ' 92.

ווילנער א. מיר מוזן קומען צו זיך — „טאָג", 9 מאַי 1919, נומ' 1.

ווי מ'האָט פאַרנומען נאָ"אָ-סווענציאַן און נאָוואָגרודאָק — „טאָג", 19 מאַי 1919, נומ' 9.

ז. מ. די דערנערונג פון דער ווילנער יידישער באַפעלקערונג — „ייד. צייטונג", 11 מאַי 1919.

חורבן קיידאַנאָוו — „טאָג", 16 סעפּטעמבער 1920, נומ' 181.

יאַכוועד י., אַדוו. דער גירוש [וועגן אַנטוויקלונגס-פּאַזן אין ווילנער קאַנט] — „אונזער הילף", ווילנע 1923, נומ' 5—12, ז' 62—67.

ייבין י. ה. אין די טעג פון צער [וועגן די אַפּריל-טעג] — „ייד. צייטונג", 12 מאַי 1919, נומ' 3.

י. ל. אין די ס ווער-טעג [וועגן די אַפּריל-טעג] — „ייד. צייטונג", 9 מאַי 1919, נומ' 1; שלשים [נאָך די אַפּריל-טעג] — „ייד. צייטונג", 21 מאַי 1919, נומ' 11.

יצחקי (י. וואָלק). רייזע-איינדרוקן (ווילנער-לידער ראַיאָן) 1. די באַציאונגען צווישן די שכנים; 2. הונגער — ווילנער געגנט — „ייד. צייטונג", 12 יולי, 15, 20 אויגוסט 1919, נומ' 53, 83, 84; בילדלעך פון פּראָווינץ — „ייד. צייטונג", 5 יאַנואַר, 7 מערץ, 13 אַפּריל 1920, נומ' 4, 52, 81; „אונזער פריינד", 10 פעברואַר 1921, נומ' 29; נע-ונד (בילדלעך פון לעבן) — „פריינד", 27 אַפּריל 1921, נומ' 91.

כהן ד. נאָוואַרעדאָק [קאָרעספּאָנדענץ] — „טאָג", 9 סעפּטעמבער 1919, נומ. 104.

לונסקי חייקל. ווילנע אין יאָר תרע"ז — „די וואָך", ווילנע 1919, נומ' 1 ז' 26—28; נומ' 3 ז' 93—94; דער יקרות בעת דער דייטשער אָקופּאַציע (זכרונות) — „די נייע וועלט", ווילנע 1919, נומ' 3 ז' 81—86; דער הונגער און דער יקרות— „פנקס", ווילנע 1922, ז' 109—133.

פון די דאָזיקע ציפער זעען מיר, אַז אין די פּאָוויאַטן פון דער געוועזענער ווילנער גוב. זיינען געווען 151 שטעט און שטעטלעך מיט אַ באַפעלקערונג פון 266.336 איינוואוינער. פון דער דאָזיקער צאָל זיינען געווען 108.560 ייִדן, ד. ה. 40,8 פּראָצ. פון דער גאַנצער באַפעל-קערונג אין די שטעט און שטעטלעך.

לויט דער גרויס פון די קבוצים, קומט אויס, אַז: 7,1 פּראָצ. פון דער אַלגעמיי-נער שטאָטישער באַפעלקערונג וואוינט אין 71 שטעטלעך ביז 500 איינוואוינער, 10,2 פּראָצ. פון דער אַלגעמיינער שטאָ-טישער באַפעלקערונג וואוינט אין 40 שטעטלעך ביז 1.000 איינוואוינער, 27,7 פּראָצ. פון דער אַלגעמיינער שטאָטישער באַפעלקערונג וואוינט אין 37 שטעטלעך פון 1.000 ביז 5.000 איינוואוינער, 55,0 פּראָצ. פון דער אַלגעמיינער שטאָטי-שער באַפעלקערונג וואוינט אין 3 שטעט פון 5.000 ביז 130.000 איינ-וואוינער.

לויט דער ציילונג פון יאָר 1919 איז די באַפעלקערונג פון דער געוועזענער ווילנער גוב. באַשטאַנען פון פאָלגענדע פעלקער (לויטן גלויבן), טאַבעלע 3.

טאַבעלע 3.

די באַפעלקערונג אין די פּאָוויאַטן פון דער געוו. ווילנער גוב. לויט די באַזונדערע אמונות (1919).

| פּ אָ ו ו י אַ ט ן | די אַלגעמ. צאָל באַ-פעלקע-רונג | קאַטאָליקן | | פּראַוואָסלאַווע | | י י ד ן | | ליטעראַנער און רעפאָרמ. | | סטאַראָ-ווערן | | מאַכמע-דאַנער | | אַנדערע | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | | אַלגעמיינע צאָל | % | אַלגעמיינע צאָל | % | אַלגעמיינע צאָל | % | אַלגע-מיינע צאָל | % | אַלגעמ. צאָל | % | אַלגע-מיינע צאָל | % | אַלגע-מיינע צאָל | % |
| ווילנער (אָן דער שטאָט) | 184.218 | 173.292 | 94,07 | 1.681 | 0,91 | 7.414 | 4.02 | 92 | 0,05 | 1.636 | 0,89 | 101 | 0,06 | 2 | — |
| ווילנע (שטאָט) . | 128.954 | 75.336 | 58,42 | 5.873 | 4,55 | 46.559 | 36.11 | 600 | 0,47 | 378 | 0,29 | 30 | 0,02 | 178 | 0,14 |
| דיסנער . . . | 193.263 | 72.509 | 37,52 | 100.443 | 51,97 | 10.908 | 5,64 | 86 | 0,05 | 9.043 | 4,68 | 274 | 0,14 | — | — |
| לידער . . . | 186.060 | 132.392 | 71,15 | 36.721 | 19,74 | 16.780 | 9,02 | 43 | 0,02 | — | — | 124 | 0,07 | — | — |
| אַשמענער . . | 189.390 | 126.547 | 66,82 | 51.247 | 27,06 | 10.967 | 5.79 | 48 | 0,03 | 140 | 0,07 | 381 | 0,20 | 60 | 0,03 |
| סווענציאַנער . | 139.692 | 116.705 | 83,55 | 10.872 | 7,78 | 6.879 | 4.92 | 68 | 0,05 | 4.930 | 3,53 | 238 | 0,17 | — | — |
| טראָקער . . . | 92.831 | 83.960 | 90,44 | 908 | 0,98 | 7.078 | 7.62 | 38 | 0,04 | 323 | 0,35 | 369 | 0,40 | 155 | 0,17 |
| ווילייקער . . | 213.424 | 75.614 | 35,43 | 125.157 | 58,63 | 11.375 | 5.33 | 95 | 0,04 | 894 | 0,42 | 309 | 0,15 | — | — |
| בסך-הכל . | 1.327.832 | 856.355 | 64,01 | 332.882 | 25,07 | 117.960 | 8,86 | 1.070 | 0,08 | 17.344 | 1,33 | 1.826 | 0,14 | 395 | 0,03 |

כון דער טאַבעלע 3 איז, אַלזאָ, צו זען, אַז ייִדן האָבן געבילדעט קנאַפּע 10 פּראָצ. פון דער אַלגעמיי-נער באַפעלקערונג אין דער דאָזיקער געגנט.

אינטערעסאַנט וועט זיין זיך צו באַ-קאַנען מיט דער באַפעלקערונגס-באַוועג-גונג אין דער דערמאָנטער געגנט פאַר די לעצטע צענדליקער יאָרן, וואָס ס'כאַ-ראַקטעריזירט אונז די טאַבעלע 4.

טאַבעלע 4.

וואוקס פון דער צאָל באַפעלקערונג אין ווילנער גוב., פאַר די לעצטע 60 יאָר (אין פּראָצ.).

| פּ אָ ו ו י אַ ט ן | יאָר 1857 | יאָר 1897 | יאָר 1910 | יאָר 1919 |
|---|---|---|---|---|
| ס"ה אין דער גוב. . . | 100 | 189 | 233 | 168 |
| טראָקער . . . . . | 100 | 190 | 232 | 122 |
| סווענציאַנער . . . . | 100 | 165 | 202 | 146 |
| אַשמענער . . . . . | 100 | 182 | 222 | 147 |
| דיסנער . . . . . | 100 | 185 | 225 | 174 |
| לידער . . . . . | 100 | 192 | 238 | 178 |
| ווילייקער . . . . . | 100 | 190 | 237 | 194 |
| ווילנער . . . . . | 100 | 210 | 258 | 201 |

פון די דאָזיקע דאַטן זעען מיר, אַז די צאָל באַפעלקערונג אין ווילנער גו-בערניע איז כסדר געשטיגן ביז דעם אויסברוך פון דער מלחמה; די מלחמות, מגפות און אַנדערע צרות האָבן דערפירט צו אַ באַדייטנדער פאַרקלענערונג פון דער באַפעלקערונג. די דאָזיקע פאַרקלע-נערונג האָט אין פיל ערטער באַטראָפן ביי הונדערט פּראָצענט לגבי דעם יאָר 1910.

די אויבנדערמאָנטע ציפערן באַציען זיך צו דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג פון גאַנצן פּ אָ ו ו י אַ ט. ווען מיר וועלן אָבער נעמען אין אַכט די פאַרקלענע-רונג בלויז פון דער ש ט אָ ט י ש ע ר באַפעלקערונג, פאַרגלייכנדיק זי מיט דער פאָלקסציילונג פון יאָר 1897, באַקו-מען מיר פאָלגנדיקן בילד:

טאַבעלע 5.

| פּ אָ ו ו י אַ ט ן | פאַרקלענערט זיך אויף פּראָצ. |
|---|---|
| אַשמענער . . . . . | 58 |
| בראַסלאַווער . . . . | 49 |
| טראָקער . . . . . | 40 |
| דיסנער . . . . . | 39 |
| סווענציאַנער . . . . | 18 |
| ווילנער . . . . . | 16 |
| לידער . . . . . | 10 |
| ווילייקער . . . . . | 8 |

ווען מיר וועלן ווייטער נעמען אין באַטראַכט דעם נאַטירלעכן צווואוקס פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג פון 1897 ביז 1919, ווי אויך דער כסדר'דיקן

וואוקס פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אורבאַניזאַציע פון די שטעט, — ווען מיר פעסטשטעלן די פאַקטישע פאַרקלענערונג פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג פאַר דעם איבנדערמאָנטן פעריאָד אויף נאָך 30 — 35 פּראָצענט.

דער וואוקס פון דער באַפעלקערונג, אין די פאָוויאַטן פון ווילנער גובערניע, לויט די באַזונדערע גלויבנס, פון יאָר 1857 אָן שטעלט זיך פאָר ווי פאָלגנד:

טאַבעלע 6.

| יאָר | קאַטאָליקן | פראַוואָסלאַווע | יידן | אַנדערע | ס"ה |
|---|---|---|---|---|---|
| 1857 | 582.736 | 171.417 | 69.224 | 17.687 | 841.064 |
| 1897 | 935.847 | 415.296 | 205.262 | 34.802 | 1.591.207 |

פון דער דאָזיקער טאַבעלע איז צו זען, אַז בשעת דער אַלגעמיינער וואוקס פון אַלע פעלקער, אין משך פון די 40 יאָר, האָט באַטראָפן 89 פּראָצ., איז ער ביי די יידן געשטיגן אויף 200 פּראָצ. אין יאָר 1857 האָבן די יידן געבילדעט נאָר 8,2 פּראָצ. לגבי דער גאַנצער באַפעלקערונג אין ווילנער גובערניע — און אין יאָר 1897 — 12,8 פּראָצ.

רעלאַטיווע ענדערונגען באַמערקן מיר, ווען מיר וועלן פאַרגלייכן די דאַטן פון דער רוסישער פאָלקסציילונג פון יאָר 1897 מיט די מאַטעריאַלן פון דער פוילישער ציילונג אין יאָר 1919 — לויט די באַזונדערע נאַציאָנאַליטעטן, ווי מיר וועלן דאָס זען פון דער ווייטערדיקער טאַבעלע:

טאַבעלע 7.

פּראָצענט-פאַרהעלטעניש פון די באַזונדערע נאַציאָנאַליטעטן לגבי דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג אין ווילנער גובערניע:

| פאָוויאַטן | פאָליאַקן 1897 | פאָליאַקן 1919 | ווייסרוסן 1897 | ווייסרוסן 1919 | יידן 1897 | יידן 1919 | ליטווינער 1897 | ליטווינער 1919 | רוסן 1897 | רוסן 1919 |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| ס"ה אין ווילנער גובערניע | 8,2 | 56,9 | 56,0 | 17,3 | 12,8 | 7,2 | 17,5 | 7,4 | 5,5 | 6,9 |
| שטאָט ווילנע . . . . | 30,3 | 56,2 | 4,2 | 1,4 | 40,0 | 36,1 | 2,1 | 2,3 | 20,4 | 3,1 |
| ווילנער . . . . | 12,1 | 88,3 | 41,8 | 0,3 | 7,4 | 3,6 | 34,9 | 7,5 | 3,3 | 1,1 |
| ווילייקער . . . . | 2,5 | 30,2 | 86,9 | 57,8 | 9,5 | 4,4 | 0,05 | 0,06 | 0,1 | 5,2 |
| דיסנער . . . . | 2,4 | 38,6 | 81,1 | 24,0 | 10,9 | 2,7 | 0,01 | 0,1 | 5.9 | 33,7 |
| אָשמענער . . . . | 1,8 | 68,2 | 80,0 | 5,9 | 12,1 | 5,6 | 3,7 | 0,03 | 2,4 | 0,5 |
| לידער . . . . . | 4,7 | 76,1 | 73,2 | 14,1 | 12,1 | 3,4 | 8,7 | 2,3 | 1,1 | 1,1 |
| סווענציאַנער . . . | 6,0 | 44,2 | 47,5 | 13,4 | 7,1 | 4,7 | 33,8 | 27,6 | 5,4 | 4,2 |
| טראָקער . . . . | 11,2 | 53,8 | 15,8 | 0,3 | 9,5 | 4,1 | 58,1 | 40,0 | 4,7 | 1,1 |

די דאַטן פון דער דאָזיקער טאַבעלע דאַרפן אָבער האָבן געהעריקע דערקלערונגען באַזונדערס בנוגע דער פוילישער, ווייסרוסישער און ליטווישער נאַציאָנאַליטעטן *).

וואָס איז ווידער נוגע דער סטאַטיסטיק פון די יידן רופט זי ניט אַרויס אַזוינע חלוקי-דעות און ספקות, ווי די סטאַטיסטיק פון אַנדערע פעלקער-גרופן, — וועגן וועלכער ס'שטעלט זיך גענוי אָפּ אין זיין אַרבעט וולאַדיסלאַוו סטודניצקי (ז. אונטן די באַמערקונג), הגם דער אונטערשייד צווישן דער צאָל יידן לויט דער נאַציאָנאַליטעט לגבי דער אמונה באַטרעפט קנאַפּ 2 פּראָצ. (7,2 אַלס נאַציאָנאַליטעט קעגן 9,0 לויטן גלויבן).

אין פאַרגלייך מיטן יאָר 1897 האָט

*) עס וואַרפט זיך קודם כל אין די אויגן דער גרויסער שפרונג פון 8,2 פּראָצ. פאָליאַקן אין יאָר 1897 אויף 56,9 פּראָצ. אין יאָר 1919. ווען מיר זאָלן אפילו אָננעמען, אַז בשעת דער רוסישער פאָלקסציילונג אין יאָר 1897 איז די צאָל פאָליאַקן כּוונתדיק פאַרקלענערט געוואָרן, דוכט זיך אויך, אַז די דאָזיקע פּראָצענט-פאַרהעלטעניש איז צו גרויס. וול. סטודניצקי („זאַריס סטאַטיסטישנאָ-עקאָנאָמיטשני זיעם פּולנאָצנע - וושכאָדניך", וואַרשע 1922), אַרומרעדנדיק די דאָזיקע פראַגע, ווייזט אָן, אַז די רוסישע ציילונג אין יאָר 1897 איז פאָרגעקומען לויט אַ פּאָליטיק, וועלכע איז בעפירט געוואָרן אין משך פון עטלעכע און דרייסיק יאָר, וואָס האָט געהאַט דעם ציל צו נעגירן די עקסיסטענץ פון דער פוילישער נאַציאָנאַליטעט אין לאַנד. ניט נאָר די זאַמלער, נאָר אפילו די בעפראַגטע האָבן געגעבן פאַלשע אינפאָרמאַציעס. דער פויער האָט געמיינט, אַז אויב ער וועט זיך אָנגעבן אַלס פּאָליאַק, וועט ער ניט האָבן קיין רעכט צו קויפן באָדן. דער באַן-אַרבעטער האָט מורא געהאַט פאַרן פאַרלירן זיין אַרבעטס-פּלאַץ צוליב זיין פוילישער נאַציאָנאַליטעט. די זאַמלער האָבן געהאַט גענויע אינסטרוקציעס, ווי אַזוי אויסצוקלערן די באַפעלקערונג אין דער הינזיכט.

סטודניצקי באַווייזט ווייטער, אַז אפילו, ווען מען וועט פאַרגלייכן די דאַטן פון די פריערדיקע רוסישע ציילונגען, איז אויך די צאָל פאָליאַקן אין יאָר 1897 געווען צו קליין.

פון דעם וויל ער אַרויסדרינגען, אַז די ציפער פון יאָר 1897 זיינען פאַר דער פוילישער נאַציאָנאַליטעט שטאַרק געפעלשט געוואָרן.

אויב די דאָזיקע באַהויפּטונג איז אין אַ געוויסער מאָס ריכטיק לגבי 1897, קאָן מען אָבער דאָך ניט מיטן גאַנצן צוטרוי זיך שטיצן אויף די דאַטן פון 1919, אין וועלכע עס געפינט זיך געוויס אַ גרויסער טייל פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן, וואָס פאַר זיי האָט די ציילונג פון 1919 געהאַט דיזעלבע באַדינגונגען, ווי אין יאָר 1897 פאַר דער פוילישער באַפעלקערונג.

באַזונדער בולט טרעט עס אַרויס ביי די ליטווינער און ווייסרוסן, וואו די פאַרקלענערונג באַטרעפט: ביי די ערשטע אויף 10 פּראָצ. און ביי די צווייטע אויף לערך 40 פּראָצ.

סטודניצקי ערקלערט די דאָזיקע פאַרקלענערונג

זיך די יידישע באַפעלקערונג אין יאָר 1919 פאַרקלענערט: אין ווילנער גובערניע מיט 42,5 פראָצ., בעת די קריסטלעכע נאָר מיט 12,8 פראָצ.; אין מינסקער גובערניע האָט זיך די יידישע באַפעלקערונג פאַרקלענערט מיט 22,6 פראָצ., בעת די קריסטלעכע באַפעלקערונג בס"ה מיט 0,08 פראָצ.; אין די גראָדנער פאָוויאַטן האָט זיך די יידישע באַפעלקערונג פאַרקלענערט מיט 33,0 פראָצ., די קריסטלעכע מיט 48,0 פראָצ.. בעת פון 1897 ביז 1914 האָט זיך די באַפעלקערונג פון די דערמאָנטע גובערניעס שטאַרק פאַרגרעסערט; די באַפעלקערונג אין גראָדנער גובערניע מיט 16 פראָצ., די ווילנער מיט 17 פראָצ., די מינסקער מיט 39 פראָצ. **).

אין 1915 איז, ווי באַוואוסט, פאָרגעקומען אַ שרעקלעכע עוואַקואַציע פון דער באַפעלקערונג. אַ סך יידן זיינען אַריבערגעטראָגן געוואָרן קיין רוסלאַנד אָדער זיינען אַליין אַוועק אַהין.

אין די צייטן פון דער דייטשער אָקופּאַציע איז די שטערבלעכקייט געווען אַ גוואַלטיקע. לויט די ידיעות פון דער מאַכט פון יאָר 1918 (פאַרטרויליכער באַריכט) האָט זיך די שטערבלעכקייט און די צאָל געבורטן פאַרגעשטעלט אין דריי שטעט אויפן פאָלגנדן אופן:

טאַבעלע 8.

| שטאָט | שטערבלעכ־קייט | געבורטן |
|---|---|---|
| ביאַליסטאָק . | 892 | 299 |
| גראָדנע . . | 340 | 140 |
| לידע . . . | 127 | 47 |

די פאַרהעלטעניש פון די געבורטן צו דער שטערבלעכקייט האָט אין ביאַליסטאָק אויסגעמאַכט ווי 1 צו 2,9; אין גראָדנע ווי 1 צו 2,3; אין לידע ווי 1 צו 2,6.

היות ווי אין די דאָזיקע שטעט האָט איבערוואויגן די יידישע באַפעלקערונג, ממילא האָט דאָס אויסשטאַרבן פון דער באַפעלקערונג באַטייט דאָס אויסשטאַרבן פון יידן.

בעת דער ציוויל-פאַרוואַלטונג פון די מזרח-קרעסן איז פאָרגעקומען אַ געוויסע פאַרבעסערונג פון די ווירטשאַפטלעכע באַדינגונגען. די פאַרבעסערונג איז אָבער ניט געווען אַזוי שטאַרק, אַז זי זאָל קענען גורם זיין דעם וואוקס פון דער באַפעלקערונג בפרט, אַז דאָס לאַנד איז געווען געפּלאָגט דורך פאַרשיידענע עפּידעמיעס. אין דעם משך צייט פון יולי ביז דעצעמבער 1919 איינשליסלעך האָט די באַוועגונג פון דער באַפעלקערונג אין ווילנע אויסגעזען אַט ווי:

טאַבעלע 3.

| | געבורטן | שטערבלעכקייט | די פאַרקלענערונג אויף 1.000 מענטשן |
|---|---|---|---|
| ביי יידן . . . . . | 16, 0 | 28,18 | 12,18 |
| ביי קריסטן . . . . | 23,27 | 33, 81 | 10,54 |

מיר זעען אַלזאָ, אַז די יידישע באַפעלקערונג האָט זיך שטאַרקער פאַרמינערט איידער די קריסטלעכע, הגם די שטערבלעכקייט ביי יידן איז געווען אַ ביסל אַ קלענערע איידער ביי קריסטן. די קלענערע שטערבלעכקייט ביי יידן האָט גורם געווען די קלענערע שטערבלעכקייט פון קינדער. ביי די יידן האָט זי באַטראָפן 4,5 אויף טויזנט, בעת ביי קריסטן 8,8 ***).

אויב די יידן זיינען כמעט אין אַלע לענדער אַ שטאָטישע באַפעלקערונג זיינען זיי אין די מזרח-קרעסן ניט בלויז צוליב ווירטשאַפטלעכע טענדענצן, נייערט אויך צוליב דער געזעצגעבונג, וואָס האָט פאַרווערט די יידן צו וואוינען אין דערפער, דער עיקר אַ שטאָטישע באַפעלקערונג.

אין דריי קרייזן פון די מזרח-קרעסן האָט געוואוינט (אין יאָר 1919) אויפן דאָרף 11,3 פראָצ., אין די שטעט 88,7 פראָצ.

טאַבעלע 10.

| קרייז | % יידן אויפן דאָרף | % יידן אין שטאָט |
|---|---|---|
| ווילנער . . | 7,5 | 92,5 |
| בריסקער . . | 16,6 | 83,4 |
| מינסקער . . | 9,1 | 90,9 |

דער בריסקער קרייז ווייזט אַרויס אַ באַדייטנדיקן פּראָצענט יידן אויפן דאָרף. דאָס נעמט זיך דערפון, וואָס צוליב דעם חורבן פון די דערפער האָבן די שטעט ניט געקענט פאַרבלייבן ביי זייער פריערדיקער גרויס און אַ טייל שטאָטישע באַפעלקערונג, צווישן זיי אַ טייל יידן, האָט זיך אַריבערגעטראָגן אין דאָרף.

די פאַרקלענערונג פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג אויף די מזרח-קרעסן האָט געמוזט גיין האַנט ביי האַנט מיט דער פאַרקלענערונג פון די יידן אין די שטעט. דאָס באַווייזט אונז די ווייטערדיקע טאַבעלע:

טאַבעלע 11.

| | צאָל איינוואוינער אין שטעט | צאָל יידן אין שטעט |
|---|---|---|
| יאָר 1897 . | 531.928 | 285.958 |
| יאָר 1919 . | 424.861 | 188.900 |
| פאַרקלענערונג | 107.067 | 97.058 |
| אָדער . . | 20,1 % | 33,9 % |

מיט אַ גאַנצע ריי כּיבוּת און באַזונדערס מיט די טענדענצן פון דער רוסישער פאָלקסציילונג, וועלכע האָט געוואָלט אויפן חשבון פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן פאַרגרעסערן די ווייסרוסן, אַלס ענלעכע צו דער רוסישער נאַציאָנאַליטעט — פון איין זייט — און די שטרעבונג פון די דאָזיקע עלעמענטן צו דער כּסדרדיקער פּאָלאָניזירונג—פון דער צווייטער זייט.

ווי מיר זאָלן אָבער ניט צווייפלען אין דער ריכטיקייט פון די באַהויפּטונגען, קענען מיר ניט אָן ווייטערדיקע גענויערע אויספאָרשונגען און מאַטעריאַלן, פעסטשטעלן דעם פאַקטישן מצב. נאָר אַ כּפעציעלע אַנקעטע, קאָמבינירט מיט דעם צוזעק אויפצופאָרשן די קולטורעלע און סאָציאַלעקאָנאָמישע פאַרהעלטענישן ביי דער באַפעלקערונג, וועלכע באַוואוינט די היינטיקע ווילנער געגנט, — אָדער נאָר די נאָענטסטע פאָלקסציילונג, וועט קענען פעסטשטעלן דעם פאַקטישן מצב פון די באַזונדערע נאַציאָנאַליטעטן אין דער דאָזיקער געגנט.

**) די דאָזיקע ציפערן זיינען גענומען געוואָרן לויט די ידיעות וועגן דער באַוועגונג פון דער באַפעלקערונג. אַ סך האַלטן זיי פאַר איבערגע־טריבענע. ביים פעסטשטעלן די איבערעכענונגען פון דער באַפעלקערונג אין פאַר-מלחמה'דיקן קאָנגרעס-פּוילן האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די ידיעות וועגן דער צאָל באַפעלקערונג אין קאָנגרעס-פּוילן זיינען איבערגעטריבן מיט עטלעכע הונדערטער טויזנטער. בכדי דעריבער אויסצובעסערן די ידיעות פון 1914 באַטראַכטן מיר זיי פאַר דערנענטערטע צו די, וואָס האָבן אין די אַמטלעכע אויסווייזן פיגורירט פאַרן יאָר 1911. אויב מיר וועלן דעריבער אָננעמען די אויבנגעבראַכטע ציפער, וועלן מיר זען, אַז די יידישע, ווי אויך די קריסטלעכע באַפעלקערונג, האָבן זיך פאַרקלענערט אין צייט-משך פון 1914 ביז 1919 און אַז פּראָצענטועל האָבן זיי אויסגעמאַכט מערער איידער דער גאַנצער צוּוואוקס פון יאָר 1897 ביז צו דער מלחמה.

***) וועגן דער שטערבלעכקייט פון די יידן אין ווילנע ז. די אַרבעטן פון ד"ר צ. שאַבאַד אין „ווילנער זאַמלבוך“ (I, יאָר 1916, זייטן 86—107), פּנקס פון דער היסט.-עטנאָגראַפ. געז. (ווילנע 1922, זייטן 133—204) און שריפטן פון „טאָז“ (וואַרשע, 1929, זייטן 49—55). רעד.

דעם וואוקס אָדער שטייגערונג פון די יידן אין די באַזונדערע קרייז-שטעט אילוסטרירט אונז די פאָלגנדע טאַבעלע:

טאַבעלע 12.

יידן אין די קרייז-שטעט פון ווילנער געגנט.

| קרייז-שטאָט | 1897 אַבסאָל. צאָל | 1897 % | 1919 אַבסאָל. צאָל | 1919 % | אונטערשייד אַבסאָל. צאָל | אונטערשייד % |
|---|---|---|---|---|---|---|
| ווילנע . . . . . | 63.996 | 41,4 | 46.559 | 36,1 | — 17.431 | —5,3 |
| דיסנע . . . . . | 4.617 | 68,3 | 2.697 | 60,7 | — 1.920 | —7,6 |
| לידע . . . . . | 5.294 | 56,8 | 5 523 | 48,6 | + 229 | —8,2 |
| אָשמענע . . . . | 3.803 | 52,7 | 1.969 | 57,2 | — 1.834 | +4,5 |
| סווענציאַן . . . . | 3.172 | 44,1 | 1.815 | 46,5 | — 1.357 | +2,5 |
| טראָק . . . . . | 1.112 | 34,3 | 466 | 24,7 | — 646 | —9,6 |
| ווילייקע . . . . | 1.3:8 | 37,3 | 1.353 | 23,0 | + 25 | —14,3 |

די צאָל יידן פאַר דעם דאָזיקן צייט-פּעריאָד האָט זיך אַלזאָ אין די אויבנדערמאָנטע קרייז-שטעט פאַרקלענערט אויף בערך 25 פּראָצ. (אַבסאָלוטע צאָל 23.442).

די דאָזיקע דאַטן זיינען זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם גרויסן חורבן, וואָס די מלחמה, עוואַקואַציע וכדומה האָבן געמאַכט ביי דער יידישער באַפעלקערונג פון דער דאָזיקער געגנט. בכלל האָבן די שטעט אין די מזרח-וואָיעוואָדסטוועס שטאַרק געליטן פון דער מלחמה, און בתוכם דער ווילנער קאַנט — מער ווי אַלע אַנדערע געגנטן אין פוילן. בשעת אין ווילנער געגנט האָט די דורכשניטלעכע פּראָצענטועלע פאַרקלענערונג פון דער באַפעלקערונג באַטראָפן 30 פּראָצ. לגבי דעם מצב פון 1910 — האָט אין די איבעריקע וואָיעוואָדסטוועס פאַר דער צייט פון 1911 ביז 1921 די פאַרקלענערונג באַטראָפן: אין וואַרשעווער וואָיעוואָדסטווע 15,6 פּראָצ.; לאָדזער—12,8 פּראָצ.; קיעלצער—7,8 פּראָצ.; לובלינער—16,6 פּראָצ.; ביאַליסטאָקער—11,0 פּראָצ.; פּויזנער (1910)—0,5 פּראָצ.; פּאָמערן—4,6 פּראָצ.; קראָקעווער — 8,3 פּראָצ.; לעמבערגער — 4,9 פּראָצ.; סטאַניסלאַוואָווער — 11,8 פּראָצ.; טאַרנאָפּאָלער — 12,0 פּראָצ.; ציעשינער-שלעזיע—2,1 פּראָצ.

וואָס איז נוגע די דעמאָגראַפישע פאַרהעלטענישן ביי דער יידישער באַפעלקערונג, וועלן מיר זיך אין אַלגעמיינע שטריכן אָפּשטעלן אויף די דאָזיקע באַדינגונגען אין די באַזונדערע שטעט.

אין די שטעט פון די איצטיקע מזרח-וואָיעוואָדסטוועס איז די קאָנצענטראַציע פון דער יידישער באַפעלקערונג געווען אַ גרעסערע ווי אין די שטעט פון אַנדערע געגנטן אין פוילן. אַזוי למשל, האָט די יידישע באַפעלקערונג אין מערב-גאַליציע, אין יאָר 1910, געבילדעט 31,7 פּראָצ. פון דער אָרטיקער שטאָטישער באַפעלקערונג; אין קראָקע 21,3 פּראָצ., אין לעמבערג—27,3 פּראָצ., אין מזרח-גאַליציע—37,5 פּראָצ. — און אין די צפון-מזרח-קאַנטן האָט די יידישע באַפעלקערונג פון יאָר 1897 באַטראָפן 53 פּראָצ. פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג.

דאָס פאַרקלענערן די צאָל פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג, האָט, לויט סטודניצקי, אַממערסטן געטראָפן דער יידישער באַפעלקערונג און פון דער אַלגעמיינער פאַרקלענערונג פאַלט אויס 90,7 פּראָצ. אויף יידן און נאָר 9,3 פּראָצ. אויף אַנדערע פעלקער פון די מזרח-וואָיעוואָדסטוועס.

די פאַרקלענערונג פון דער יידישער שטאָטישער באַפעלקערונג האָט אַממערסטן געטראָפן די שטעט, וועלכע האָבן זיך געפונען איבער דער ליניע פון דייטשן קאָרדאָן. אַזוי למשל האָט זיך די יידישע באַפעלקערונג פון דיסנע, אין יאָר 1913 אין פאַרגלייך מיטן יאָר 1897, פאַרקלענערט לגבי דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג אין די שטעט אויף 7,6 פּראָצ., בשעת רעלאַטיוו איז די צאָל יידן געשטיגן לגבי 1897 יאָר — אין גראָדנע אויף 10,7 פּראָצ., אין קאָברין אויף 9,2 פּראָצ., אין פּרוזשאַן אויף 8,4 פּראָצ., אין פּינסק אויף 7 פּראָצ., אין סלאָנים אויף 6 פּראָצ., אין אָשמענע אויף 4,5 פּראָצ., אין סווענציאַן אויף 2,5 פּראָצ. אין די שטעט ווידער פאַר דעם דייטשן קאָרדאָן, — איז די רעלאַטיווע פאַרקלענערונג פון די יידן געווען: אין ווילנע אויף 5,3 פּראָצ., אין לידע אויף 8,2 פּראָצ., אין טראָק אויף 9,6 פּראָצ.

סטודניצקי מיינט, אַז דאָס איז אַ פּועל-יוצא פון דעם, וואָס אין יאָר 1917, צוליב דער רעוואָלוציע, איז אָראָפּגענומען געוואָרן דער אַמאָליקער תחום-המושב און ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ יידישע עמיגראַציע קיין רוסלאַנד פון די נאָענטע געביטן. דאָס פאַרקלענערן זיך ווידער פון דער יידישער באַפעלקערונג אין די שטעט פון דער זייט דייטשער אָקופּאַציע איז אַרויסגערופן געוואָרן דורך דער רוסישער עוואַקואַציע, וועלכע די יידן האָבן אויסגענוצט כדי איבערצוזידלען קיין רוסלאַנד, — ווי אויך מיט דער גרויסער שטערבלעכקייט, וועלכע האָט געהערשט אין די שטעט בשעת דער דייטשער אָקופּאַציע.

## 2. די באַפעלקערונגס-באַוועגונג אין ווילנער און נאָוואָגרודקער וואָיעוואָדסטוועס אין די לעצטע 10 יאָר (1919—1928).

דורך דער פאַראָרדענונג פון מלוכה-פּרעזידענט פון 1-טן פעברואַר 1927 („דזיעניק אוסטאַוו", נומ' 10, פּאָז. 76) וועגן דער סטאַטיסטיק פון דער באַפעלקערונג, איז נאָרמאַליזירט געוואָרן די פראַגע פון פירן די סטאַטיסטיק פון חתונות, געבורטן און טויט-פאַלן אויף אַן איינהייטלעכן אופן אין דער גאַנצער מלוכה.

די דעמאָגראַפיע-סטאַטיסטיק איז אין פוילן געווען זייער שלעכט אוועקגעשטעלט. שוין ניט ריידנדיק דערפון, וואָס אין פאַרשיידענע געגנטן איז געווען אַ גרויסע פאַרנאַכלעסיקונג ביים פאַרשרייבן די געבורטן פון קינדער, זיינען נאָך צוגעקומען פּרינציפּיעלע אונטערשיידן אין דעם אופן פון רעגיסטרירן די געבורטן אין איין געגנט לגבי דער צווייטער געגנט. אין די געוועזענע רוסישע געביטן, למשל, איז אייגנטלעך געווען אַ סטאַטיסטיק ניט פון געבורטן, נאָר פון אויסגעשריבענע געבורט-שיינען (מעטריקעס). עס איז דאָך אָבער אַ באַקאַנטע זאַך, אַז די מעלדונגען וועגן די געבורטן זיינען דאָ פאַרגעקומען מיט זייער גרויסע פאַרשפּעטיקונגען, וועלכע דערגרייכן אָפט ביז 10 און 15 יאָר. אַפילו אין וואַרשע גופא, באַטרעפן נאָך היינט די צאָל קינדער, וועלכע זיינען איינגעמאָלדן געוואָרן בערך 75% פון „פאַרשפּעטיקטע" אויף 6–7 יאָר. די דאָזיקע פאַרנאַכלעסיקונגען זיינען גורם, אַז אין

פאַל, ווען דאָס קינד שטאַרבט, ווערן די פאַקטן פון די געבורטן פון דידאָזיקע קינדער לגמרי ניט פאַרנאָטירט און ממילא האָט עס אַ השפעה אויף דער צ אָ ל און רעזולטאַט פון נאַטירלעכן צוּוואוקס.

מען דאַרף אויך ווייטער נעמען אין אַכט דעם אומשטאַנד, וואָס אין די נאָך מלחמה-יאָרן זיינען איינגעשריבן געוואָרן אין די געבורט-ביכער אַ באַדייטנדע צאָל קינדער, וועלכע זיינען געבוירן בשעת דער מלחמה, אין לאַנד אָדער אין דער פרעמד, און די געבורט-מעטריקעס האָבן ניט געקענט געמאַכט ווערן אין דער געהעריקער צייט.

די מאַטעריאַלן און דאַטן וועגן דעם דאָזיקן פעריאָד, זיינען דעריבער ווייט פון דעם פאַקטישן מצב. אויב אָבער די דאָזיקע דאַטן זיינען פ אַ ר ה ע ל ט נ י ס מ ע ס י ק ריכטיק בנוגע די קריסטלעכע אמונות און זיי קענען דעריבער ווי ניט-איז דינען אַלס אָריענטאַציע-מאַטעריאַלן, — אַנטשפּרעכן אָבער די ציפער פאַר דער יידישער באַפעלקערונג ל ג מ ר י נ י ט דער ווירקלעכקייט.

דער הויפּט-סטאַטיסטישער אַמט באַצייכנט די דאָזיקע זאַכלאַגע קלאָר און דייטלעך (ז. „קוואַרטאַלניק סטאַטיסטיטשני״, באַנד VI, העפט 1).

מיר רעכענען אָבער דאָך פאַר וויכטיק אָנצוגעבן די דאַטן פאַר דער באַפעלקערונגס-באַוועגונג פאַר דער אַלגעמיינער און יידישער באַפעלקערונג אין משך פון די יאָרן 1919—1928, אויף וויפיל מיר וועלן דורכדעם קענען אין דער נאָענסטער צוקונפט, ביי דער קומענדיקער לאַמיר-זאָגן פאָלקס-ציילונג, פעסטשטעלן די אונטערשיידן לגבי די איצט פאַרעפנטלעכטע מאַטעריאַלן.

מיר האַלטן זיך אָבער אָפּ פון אַ קריטישער באַלויכטונג, אָנגעבנדיק נאָר די ציפערן, ווי זיי זיינען באַאַרבעט געוואָרן דורכן הויפּט-סטאַטיסטישן אַמט אויפן סמך פון די סטאַטיסטישע בויגנס, וועלכע דער סטאַטיסטישער אַמט האָט באַקומען פון אַלע ציוויל-אַמטן, וואָס פירן די רעגיסטראַטור פון דער באַפעלקערונג אין פוילן.

טאַבעלע 13.

נאַטירלעכער צוּוואוקס פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג אין ווילנער און נאָוואָגרודקער וואָיעוו.

| יאָר | ווילנער | | | | נאָוואָגרודקער | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | חתונות | געבורטן (לעבעדיקע) | טויט-פאַלן | נאַטירלעכער צוּוואוקס | חתונות | געבורטן | טויט-פאַלן | נאַטירלעכער צוּוואוקס |
| 1919 | 9.910 | 24.558 | 32.801 | — 8.243 | 7.734 | 19.762 | 20.490 | — 728 |
| 1920 | 10.141 | 26.680 | 28.085 | — 1.405 | 8.276 | 22.454 | 18.781 | 3.673 |
| 1921 | 12.178 | 32.506 | 18.197 | 14.309 | 9.625 | 26.091 | 17.366 | 8.725 |
| 1922 | 12.614 | 38.447 | 19.854 | 18.593 | 10.909 | 32.016 | 19.121 | 12.895 |
| 1923 | 11.708 | 40.801 | 17.323 | 23.478 | 10.230 | 35.951 | 13.545 | 22.406 |
| 1924 | 11.537 | 39.691 | 18.914 | 20.777 | 9.907 | 35.923 | 15.332 | 20.591 |
| 1925 | 9.658 | 39.740 | 21.932 | 17.808 | 8.902 | 38.141 | 15.111 | 23.030 |
| 1926 | 10.321 | 39.849 | 19.063 | 20.786 | 8.891 | 37.763 | 16.875 | 20.888 |
| 1927 | 10.625 | 39.029 | 19.126 | 19.903 | 8.662 | 35.772 | 16.629 | 19.143 |
| 1928 | 11.771 | 38.787 | 19.233 | 19.554 | 9.925 | 36.904 | 16.139 | 20.765 |

טאַבעלע 14.

נאַטירלעכער צוּוואוקס פון דער יידישער באַפעלקערונג אין ווילנער און נאָוואָגרודקער וואָיעוו.

| יאָר | ווילנער | | | | נאָוואָגרודקער | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | חתונות | געבורטן (לעבעדיקע) | טויט-פאַלן | נאַטירלעכער צוּוואוקס | חתונות | געבורטן | טויט-פאַלן | נאַטירלעכער צוּוואוקס |
| 1919 | 856 | 1.232 | 2.120 | — 888 | 276 | 400 | 673 | — 273 |
| 1920 | 672 | 1.129 | 1.416 | — 287 | 297 | 552 | 647 | — 95 |
| 1921 | 808 | 1.540 | 876 | 664 | 415 | 696 | 559 | 137 |
| 1922 | 1.023 | 2.014 | 1.061 | 953 | 496 | 1.116 | 473 | 643 |
| 1923 | 1.088 | 2.583 | 985 | 1.598 | 516 | 1.263 | 430 | 833 |
| 1924 | 969 | 2.372 | 1.159 | 1.213 | 470 | 1.274 | 469 | 805 |
| 1925 | 862 | 2.272 | 1.126 | 1.146 | 440 | 1.218 | 473 | 745 |
| 1926 | 815 | 2.148 | 1.219 | 929 | 398 | 1.287 | 523 | 764 |
| 1927 | 820 | 2.225 | 1.130 | 1.095 | 405 | 1.240 | 495 | 745 |
| 1928 | 840 | 2.260 | 1.110 | 1.150 | 410 | 1.225 | 500 | 725 |

פון די דאָזיקע טאַבעלן זעען מיר, אַז דורכשניטלעך האָט די באַפעלקערונגס-באַוועגונג אין די צוויי אויבנדערמאָנטע וואָיעוואָדסטוועס, באַטראָפן אויף יעדע 1.000 איינוואוינער*):

טאַבעלע 15.

באַפעלקערונגס-באַוועגונג אין ווילנער און נאָוואָגרודקער וואָיעוואָדסטוועס אין די יאָרן 1919—1928.

| יאָר | בײַ דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג | | | | בײַ דער יידישער באַפעלקערונג | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | חתונות | געבוירן | שטערבלעכקייט | נאַטירלעכער צוואוקס | חתונות | געבוירן | שטערבלעכקייט | נאַטירלעכער צוואוקס |
| 1919 | 10,4 | 26,2 | 31,1 | — 4,9 | 7,0 | 10,2 | 17,3 | — 7,1 |
| 1922 | 12,8 | 38,5 | 21,5 | 17,0 | 8,9 | 18,5 | 8,9 | 9,6 |
| 1925 | 9,8 | 41,1 | 19,1 | 21,9 | 7,5 | 20,2 | 9,1 | 11,1 |
| 1928 | 10,9 | 38,4 | 17,8 | 20,6 | 7,0 | 19,8 | 9,1 | 10,7 |

פון די דאָזיקע דאַטן איז צו זען, אַז אָנהויבנדיק פון יאָר 1922 ווערט בײַ דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג כסדר פאַרקלענערט די שטערבלעכקייט און דער נאַטירלעכער צוואוקס שטייגט פון 17,0 אין יאָר 1922 ביז 20,6 אין יאָר 1928.

פאַרגלייכנדיק די דאָזיקע פאַרהעלטעניש אין דער ווילנער געגנט לגבי די איבעריקע קאַנטן אין פוילן, באַקומט זיך, אַז דער נאַטירלעכער צוואוקס אויף יעדע 1.000 איינוואוינער, האָט באַטראָפן: אין די דרומדיקע וואָיעוואָדסטוועס — 13,7; אין די מערב-וואָיעוואָדסטוועס — 14,3; אין די צענטראַלע וואָיעוואָדסטוועס—15,9; אין ווילנער געגנט — 20,6.

די דאָזיקע סיבה דאַרף מען דערקלערן קודם-כל מיט דער גרעסערער צאָל געבורטן וועלכע זיינען דאָ העכער, ווי אין אַנדערע געגנטן אין פוילן.

פון דער דערמאָנטער טאַבעלע איז אויך צו זען, אַז דער נאַטירלעכער צוואוקס בײַ דער יידישער באַפעלקערונג איז פונקט אויף אַ העלפט קלענער, ווי בײַ דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג. די סיבה פון די דאָזיקע פאַרהעלטענישן ליגט געוויס אין דער ניט-ריכטיק-געפירטער רעגיסטראַטור פון דער דעמאָגראַפיע-סטאַטיסטיק, וועגן וואָס מיר האָבן שוין אויבן דערמאָנט.

## 3. עמיגראַציע פון ווילנער וואָיעוואָדסטווע. פאַרקלענערונג פון דער יידישער באַפעלקערונג.

איבערגייענדיק צו דער פראַגע וועגן דער יידישער עמיגראַציע פון ווילנער געגנט**), באַקומען מיר פאָלגנדן בילד:

טאַבעלע 16.

עמיגראַציע פון ווילנער וואָיעוואָדסטווע אין די יאָרן 1926—1928.

| יאָר | ס"ה פון ווילנער וואָיעוו. | | | אין גאַנץ פוילן | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | צוזאַמען | דערפון יידן | % | צוזאַמען | דערפון יידן | % |
| 1926 | 2.297 | 794 | 34,5 | 167.509 | 22.406 | 13,4 |
| 1927 | 2.297 | 660 | 24,3 | 147.614 | 18.074 | 12,2 |
| 1928 | 2.654 | 600 | 22,6 | 186.630 | 18.211 | 9,7 |
| 1928—1926 | 7.248 | **) 2.054 | 28,0 | 501.753 | 58.691 | 11,1 |

אין ווילנער וואָיעוואָדסטווע האָבן עמיגרירט פאַר די דריי יאָר דורכשניטלעך 700 יידן יערלעך, וואָס באַטרעפט 28 פראָצ. פון דער אַלגעמיינער עמיגראַציע אין דער וואָיעוואָדסטווע, בשעת אין גאַנץ פוילן באַטרעפט דער פראָצענט—11,1 (און אין פויזן, פּאָמערן און שלעזיע—בערך 14 פראָצ.).

פון דער גאַנצער צאָל יידישע עמיגראַנטן פון פוילן, בילדן די יידישע עמיגראַנטן פון ווילנער וואָיעוואָדסטווע 3,5 פראָצ.

אויב מיר וועלן אָננעמען, אַז אין יאָר 1921 האָט די יידישע באַפעלקערונג אין ווילנער וואָיעוואָדסטווע געציילט 110.000 יידן (לויט דער פאָלקסציילונג פון יאָר 1921 פּלוס די יידישע באַפעלקערונג פון די 3 פּאָוויאַטן און שטאָט ווילנע, וועלכע זיינען דאַן ניט אַרונטערגעגאַנגען אונטער דער פאָלקסציילונג), באַקומען מיר פאָלגנדע צאָל יידישער באַפעלקערונג אין ווילנער וואָיעוואָדסטווע צום יאָר 930': צאָל יידן אין יאָר 1921—110.000, נאַטירלעכער צוואוקס פאַר די 8 יאָר, בערך 14.000. דערפון גייט אַראָפּ די עמיגראַציע פאַר די 8 יאָר — 4.800. פאַרבלייבן בערך 120.000 יידן, בשעת אין יאָר 1897 האָט די יידישע באַפעלקערונג אין דער געוו. ווילנער גובערניע געציילט 195.000 ***). און אויב מיר וועלן אַפילו צורעכענען צו

*) די צאָל באַפעלקערונג פאַר די יאָרן 1919 און 1920 שטיצט זיך: אין ווילנער וואָיעוואָדסטווע אויף דער ציילונג, וועלכע איז פאָרגעקומען אין יאָר 1919; אין נאָוואָגרודקער וואָיעוואָדסטווע אויפן סמך פון שאַצונגען דורכן הויפּט-סטאַטיסטישן אַמט. פאַר די ווייטערדיקע יאָרן איז גענומען געוואָרן אַלס מאַסשטאַב די ציילונג פון יאָר 1921 — באַריקזיכטנדיק די דאַטן וועגן דער עמיגראַציע און רעעמיגראַציע.

**) גענויער וועגן עמיגראַציע ז. אויבן די אַרטיקלען וועגן דער טעטיקייט פון „יעקאָפּאָ" און „יעאָס" בײַ „יעקאָפּאָ" אויף דעם געביט (זייטן 109—126 און 280—303). דערביי איז נייטיק צו באַמערקן, אַז דורך דער עמיגר.-אָפּט. פון „יעקאָפּאָ" אַליין איז אין די יאָרן 1928 (715 ייד. עמ.) און 1929 (1.207 ייד. עמ.), פון זיי 596 אין ערשטן און 611 אין צווייטן האַלב יאָר) אָפּגעפאָרן מער ייד. עמיגראַנטן, ווי די גאַנצע צאָל ייד. עמ. פון דער ווילנער וואָיעוו. דאָס ערקלערט זיך דערמיט, וואָס די עמיגר.-אָפּטיילונג פון „יעקאָפּאָ" באַדינט די ווילנער געגנט אין ברייטן זין פון וואָרט, ד. ה. אַ שטח, וואָס איז פיל גרעסער פון ווילנער וואָיעוואָדסטווע (ווילנער וואָיעוו., טיילן פון נאָוואָגרודקער וואָיעוו. א"א). וואָס איז שייך בכלל דער פאַרקלענערונג פון דער צאָל עמיגראַנטן אין די לעצטע יאָרן דערקלערט זיך עס מיט די אַלץ פאַרגרעסערטע באַגרענעצונגען אין די אימיגראַציע-לענדער און מיט דער שטרענגער איינפירונג פון פאַרשיידענע קוואָטעס. רעד.

***) אין דער איצטיקער ווילנער וואָיעוואָדסטווע גייט נישט אַריין דער לידער פּאָוויאַט, וועלכער האָט פריער געהערט צו דער ווילנער גובערניע. דאַקעגן איז אין ווילנער וואָיעוו. יאָ צוגערעכנט געוואָרן דער בראַסלאַווער פּאָוו., וועלכער האָט ניט געהערט צו דער אַמאָליקער ווילנער גובערניע. אין די גרענעצן פון דער היינטיקער ווילנער וואָיעוו. האָבן אַזוי אַרום אין יאָר 1897 געוואוינט בײַ 195.000 יידן (205.262, ז. אויבן טאַב. 6).

דער צאָל 120.000 יידן די יידישע רע-עמיגראַציע פון רוסלאַנד, וועלכע איז באַזונדערס אין ווילנער געגנט פאָרגע-קומען אין אַ גרעסערן מאַסשטאַב און האָט אין די יאָרן 1922—1923 באַטראָפן עטלעכע טויזנט נפשות, וועט עס אויך וייער שטאַרק ניט ענדערן דעם אַלגע-מיינעם בילד.

די דאָזיקע ציפער באַווייזן אונז אַלזאָ אויף ווי ווייט פאַראָרעמט די ווילנער געגנט איז געוואָרן לגבי דעם יאָר 1897, אין וועלכער ס'האָבן דאַן געלעבט מיט בערך 50 פראָצ. מער יידן ווי איצט.

## 4. די פּראָפעסיאָנעלע סטרוקטור פון דער באַפעלקערונג.

לויט דער פאָלקסציילונג פון יאָר 1897 איז די פּראָפעסיאָנעלע סטרוקטור פון דער יידישער באַפעלקערונג געווען פאָלגנ-דע (אין פּראָצענטער):

טאַבעלע 17.

| גובערניע | האַנדל | אינדוסטריע און מלאכה | לאַנדווירטשאַפט | פרייע פּראָפעס. און מיליטער דינסט |
|---|---|---|---|---|
| גראָדנער . . . . | 26,9 | 47,2 | 3,2 | 5,5 |
| ווילנער . . . . . | 30,0 | 40,4 | 6,0 | 5,5 |

לויט דער פאָלקס-ציילונג פון יאָר 1897 האָבן אין גראָדנער גובערניע די יידן געבילדעט 85,1 פראָצ. פון אַלע פּראָפ. אַקטיווע אין האַנדל און אין ווילנער גובערניע — 71,6 פראָצ.

אין סחורות-האַנדל האָבן יידן גע-בילדעט אין גראָדנער גובערניע 86,6 און אין ווילנער — 87,5 פראָצ. אַ באַ-זונדערער איבערגעוויכט פון יידן איז געווען אין תבואה-האַנדל, ווי אויך אין האַנדל מיט אַנדערע לאַנדווירטשאַפט-לעכע פּראָדוקטן און מיט וואַלד. אין דעם לעצטן — האָט באַטראָפן דער פּראָצ. פון יידן אין דער ווילנער גובערניע 89,4 פראָצ. און פון גראָדנער 95,5 פראָצ. דאָס איז אַ צווייג, וועלכער האָט באַ-שעפטיקט איבער אַ העלפט יידן, וואָס האָבן געלעבט פון האַנדל.

די דאַטן פאַר קאָנגרעס-פוילן פון יאָר 1897 זיינען געווען כמעט אַנאַלאָ-גישע: אין סחורות-האַנדל האָבן די יידן געבילדעט 83,1 פראָצ., אין בהמות-האַנדל—83,9 תבואה-האַנדל—97,1 פראָצ. און האַנדל מיט אַנדערע לאַנדווירטשאַפט-לעכע פּראָדוקטן—80,2 פראָצ. מיט האָלץ און אַנדערע רוי-מאַטעריאַלן—80,5 פראָצ.

אין גאַליציע איז, לויט דער פאָלקס-ציילונג פון 1910, 82 פראָצ. פון גאַנצן האַנדל געווען ביי יידן.

לויט די טיילוויז-באַאַרבעטע מאַטע-ריאַלן פאַר עטלעכע פון די קרעסן-שטעט אין יאָר 1919, איז דער אַנטייל פון די יידן אין דער מלאכה געווען אַן איבער-וויגנדער. אין ווילנע איז דער אַנטייל פון די יידן אין פאַרשיידענע פאַכן געווען פאָלגנדער: בלעכער — 92,7, היטלמאַכער — 98,2 איינבינדער — 63,7, קירזשנער — 92,7, קצבים — 66,7, טאַפּע-צירער — 72,7, דרוקער — 88,9, זייגער-מאַכער — 82,6, (אין טישלעריי, פאַר-קערט, האָבן די פאָליאַקן געבילדעט 74 פראָצ., שמידן — 67 פראָצ.) בס"ה האָט דער אַנטייל פון די יידן אין מלאכה אין יאָר 1919 באַטראָפן 40 פראָצ.

די אַממערסטן פאַרשפּרייטסטע מלאכה ביי יידן איז שניידעריי. אין ווילנע זיינען פון 4.662 האַנטווערקער-יידן גע-ווען 1.442 (אין יאָר 1919), וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט שניידעריי.

די מלאכות אין די מזרח-וואָיעוואָוד-סטוועס, באַזונדערס די יידישע, זיינען געשטאַנען אויף אַ נידעריקער טעכנישער מדרגה און האָבן געאַרבעט מיט אַ קליינעם קאַפּיטאַל.

צוליב דעם, וואָס די מאַטעריאַלן פון דער ציילונג אין יאָר 1919 אין ווילנער גובערניע וועגן דער פּראָפעס-יאָנעלער סטרוקטור פון דער באַפעלקע-רונג זיינען ניט באַאַרבעט געוואָרן, ווי אויך צוליב דעם, וואָס די פאָלקס-ציילונג פון יאָר 1921 האָט ניט אַרומגענומען די גאַנצע ווילנער געגנט — און לסוף צוליב דעם פאַרשיידנאַרטיקן מעטאָד פון די באַאַרבעטע מאַטעריאַלן פון דער ציילונג אין יאָר 1897 און 1921, — האָבן מיר ניט די מעגלעכקייט דורכצופיר-אַ גענויען פאַרגלייך וועגן דער עוואָ-לוציע פון דער יידישער מלאכה אין ווילנער געגנט פאַר די לעצטע 30 יאָר.

דעם איינציקן טיילוויזן פּרוב, וועלכן מיר וועלן יאָ קענען מאַכן אין דער הינזיכט — און דאָס אויך מיט גרויסע באַוואָרענישן צוליב דער ניט פולקאָמקייט פון מאַטעריאַל — איז דאָס פאַרגלייכן די דאַטן מיט דער צאָל רעגיסטרירטע האַנטווערקער צום 1 יאַנואַר 1929 אין צוזאַמענהאַנג מיט די וואַלן אין די האַנטווערקער-קאַמערן אין יאָר 1929.

טאַבעלע 18.

צאָל רעגיסטרירטע האַנטווערקער צום 1 יאַנואַר 1929.

| וואָיעוואָדסטווע | קריסטן | יידן | צוזאַמען |
|---|---|---|---|
| 1. וואַרשע . . . . . | 6.278 | 8.414 | 14.692 |
| 2. וואַרשעווער . . . . | 10.033 | 7.958 | 17.991 |
| 3. לאָדזער . . . . | 10.348 | 7.317 | 17.665 |
| 4. קיעלצער . . . . | 8.425 | 9.430 | 17.855 |
| 5. לובלינער . . . . | 6.430 | 8.791 | 15.546 |
| 6. ביאַליסטאָקער . . | 1.558 | 4.954 | 6.512 |
| 7. ווילנער . . . . | 1.942 | 2.877 | 4.819 |
| 8. נאָוואָגרודקער . . | 1.029 | 3.473 | 4.502 |
| 9. פּאָליעסער . . . | 1.013 | 4.332 | 5.345 |
| 10. וואָלינער . . . . | 1.855 | 4.911 | 6.766 |
| 11. קראָקעווער . . . | 7.798 | 3.462 | 11.260 |
| 12. לעמבערגער . . . | 9.618 | 7.305 | 16.923 |
| 13. טאַרנאָפּאָלער . . . | 2.305 | 1.958 | 4.263 |
| 14. סטאַניסלאַוואָווער . . | 3.453 | 3.215 | 6.668 |
| 15. פּויזנער . . . . . | 11.541 | 20 | 11.561 |
| בידגאָשטש (קרייז) . | 5.611 | 54 | 5.665 |
| 16. פּאָמערן . . . . . | 8.341 | 28 | 8.369 |
| 17. שלעזיע . . . . . | 21.400 | — | 21.400 |
| בסך-הכּל . | 119.303 | 78.499 | 197.802 |

יידן מאַכן דאָ אַלזאָ אויס 40 פּראָצ. פון אַלע רעגיסטרירטע האַנטווערקער אין פּוילן צום יאָר 1929, דערגייענדיק אין פּאָלעסיע ביז 81 פּראָצ. און אַראָפּ־נידערנדיק אין שלעזיע ביז 0. מען דאַרף אָבער נעמען אין אַכט, אַז אויף די קרעסן, וואו קיין צעכן האָבן ניט עקסיסטירט, איז די רעגיסטראַציע צוגעגאַנגען שוואַך אָדער מאַנגלהאַפט און בכלל קאָנען די ציפער נאָך ניט געבן קיין פולן בילד וועגן דער צאָל יידישע האַנטווערקער. די ווייטערדיקע טאַבעלן דעטאַליזירן די דאָזיקע ספּעציעל בנוגע ווילנער און נאָוואָגרודקער וואָיעוואודסטוועס.

טאַבעלע 19.

צאָל אַרויסגעגעבענע האַנטווערקער־קאַרטעס צום 1 יאַנואַר 1929 אין ווילנער וואָיעוואודסטווע *)

| פ א כ ן | קריסטן | יידן |
|---|---|---|
| דאַך־דעקער | 2 | — |
| טעפּער | 18 | 5 |
| שטיינהאַקער | 2 | — |
| מויערער | 102 | 17 |
| סקולפּטאָרן | — | 2 |
| ברונים־בויער | 2 | — |
| גלעזער | 7 | 43 |
| זדונעס | 30 | 5 |
| שטוקאַטורער | 5 | 3 |
| מאָלער | 30 | 38 |
| ס״ה בוי־בראַנזשע | 198 | 113 |
| באַנדערס | 7 | — |
| טישלער | 43 | 9 |
| קאָרב־פלעכטער | 1 | — |
| שטעלמאַכער | 9 | 16 |
| סטאָלער | 191 | 91 |
| טאָקער | 2 | 11 |
| מוזיק־אינסטרומענטן | 5 | — |
| האָלץ־קאָמען | — | 1 |
| ס״ה האָלץ־בראַנזשע | 258 | 128 |
| באַנדאַזשן־מאַכער | 2 | 11 |
| היטל־מאַכער | 1 | 19 |
| קאָפּעליושן־מאַכער | 3 | 32 |
| קירזשנער | 1 | 40 |
| שניידער | 252 | 671 |
| שטריק־מאַכער | — | — |
| שמוקלער | 1 | 5 |
| טאַפּעצירער | 2 | 19 |
| בערשטער | 1 | 1 |
| ס״ה טעקסטיל־בראַנזשע | 263 | 869 |
| בלעכער | 1 | 94 |
| בראָנזניקעס | 5 | — |
| קעסל־מאַכער | 5 | 12 |
| שמידן | 315 | 131 |
| שלאָסער | 68 | 61 |
| אויסאַרב. פון אָפּטישע מכשירים | — | 10 |
| גראַווירער | 3 | 12 |
| דובעלירער | 5 | 26 |
| זייגערמאַכער | 24 | 108 |
| באַגילטער | — | 3 |
| ס״ה מעטאַל־בראַנזשע | 426 | 457 |
| צוקערניקעס | 19 | 23 |
| קוכער | 37 | 1 |
| בעקער | 109 | 333 |
| לעקעך־בעקער | 3 | 2 |
| קצבים | 254 | 73 |
| וואורשטן־מאַכער | 27 | 67 |
| ס״ה דערנערונגס־בראַנזשע | 308 | 480 |
| לעדער־דעלירער | — | 6 |
| קאַמאַשנמאַכער | 5 | 141 |
| הענטשקעמאַכער | — | 46 |
| רימער | 10 | 40 |
| שוסטער | 357 | 281 |
| גאַרבער | 17 | 49 |
| איינבינדער | 14 | 27 |
| ס״ה לעדער־בראַנזשע | 403 | 590 |
| פאָטאָגראַפן | 31 | 46 |
| פריזירער | 55 | 194 |
| ס״ה פערזענלעכע באַדינונג | 86 | 240 |

אַלגעמיינער סך־הכל: קריסטן — 1.942, יידן — 2.877. צוזאַמען — 4.819.

*) אויפן סמך פון מאַנוסקריפּט. די ידיעות באַקומען פון מלוכה׳שן הויפּט־סטאַטיסטישן אַמט אין וואַרשע.

טאַבעלע 26.

צאָל אַרויסגעגעבענע האַנטווערקער-קאַרטעס צום 1-טן יאַנואַר 1929 אין נאָוואָגרודקער וואָיעוואָדסטווע*)

| פאכן | קריסטן | יידן |
|---|---|---|
| דאַך-דעקער | — | — |
| טעפּער | 16 | 8 |
| שטיין-אויסאַרבעטונג | 9 | 7 |
| מויערער | 27 | 47 |
| שטיין-קריצער | — | 2 |
| ברונים-בויער | — | — |
| גלעזער | 1 | 43 |
| גלאָז-אויסאַרבעטונג | — | — |
| זדונעס | — | 3 |
| שטוקאַטורער | — | — |
| לאַקירער | — | — |
| מאָלער | 16 | 60 |
| ס"ה בוי-בראַנזשע | 69 | 170 |
| באָנדערס | — | — |
| טשעסלער | 50 | 21 |
| קאָרב-מאַכער | 4 | — |
| ראָד-מאַכער | 15 | 14 |
| דרעקסלער | — | — |
| סטאָליאַרעס | 109 | 302 |
| טאָקער | — | 12 |
| מוזיק-אינסטרומענטן | — | — |
| קאַמען-אויסאַרבעטונג | — | 4 |
| ס"ה האָלץ-בראַנזשע | 178 | 353 |
| באַנדאַזשן-מאַכער | — | 1 |
| היטל-מאַכער | 1 | 117 |
| קאַפּעלושן-מאַכער | — | 13 |
| קירזשנער | 3 | 15 |
| שניידער | 158 | 729 |
| שטריקער | — | 5 |
| בערשטער | — | — |
| שמוקלער | — | — |
| טאַפּעצירער | 1 | 11 |
| פרענדזל-מאַכער | — | — |
| ס"ה טעקסטיל-בראַנזשע | 163 | 891 |

| פאכן | קריסטן | יידן |
|---|---|---|
| בלעכער | 2 | 74 |
| בראָנזניקעס | — | — |
| קעסל-מאַכער | 1 | 17 |
| קאָוואַלעס (שמידן) | 157 | 319 |
| מאָזשענזשניקעס | 1 | 6 |
| שלאָסער | 55 | 59 |
| טאָקער | — | — |
| אויסאַרב. פון אָפּטישע מכשירים | — | — |
| גראַווירער | — | 2 |
| דובעלירער | — | 7 |
| גאָלדשמידן | — | 1 |
| אויסאַרבעטונגען פון דראָט | — | — |
| גאָלד- און זילבער-וואָל | — | — |
| זייגער-מאַכער | 2 | 84 |
| באַגילטער | — | — |
| ס"ה מעטאַל-בראַנזשע | 218 | 569 |
| צוקערניקעס | 3 | 8 |
| קוכער | 3 | — |
| בעקער | 22 | 287 |
| לעקעך-בעקער | — | — |
| קצבים | 22 | 62 |
| וואורשטן-מאַכער | 72 | 11 |
| ס"ה דערנערונגס-בראַנזשע | 122 | 368 |
| קאַמאַשן-שטעפּער | 1 | 161 |
| הענטשקעמאַכער | — | — |
| רימער | 17 | 96 |
| זאָטל-מאַכער | — | — |
| שוסטער | 223 | 627 |
| גאַרבערס | 11 | 89 |
| איינבינדער | 3 | 23 |
| ס"ה לעדער-בראַנזשע | 255 | 996 |
| פאָטאָגראַפן | 1 | 37 |
| פריזירער | 23 | 89 |
| ס"ה פערזענלעכע באַדינונג | 24 | 126 |

אַלגעמיינער סך-הכל: קריסטן — 1.029, יידן — 3.473, צוזאַמען — 4.502.

*) אויפן סמך פון מאַנוסקריפּט. די ידיעות באַקומען פון מלוכה'שן הויפּט-סטאַטיסטישן אַמט אין וואַרשע.

פון די דאָזיקע ציפערן איז צו זען, אַז 60,0 פּראָצ. פון אַלע בעלי-מלאכות, וועלכע האָבן זיך לויטן נייעם אינדוסטריע-געזעץ צו די האַנטווערקער-קאַ-

מערן רעגיסטרירט און אַרויסגענומען האַנטווערקער-קאַרטעס אין ווילנע רוואָיעוואָדסטווע — זיינען יידן, אין נאָוואָגרודקער וואָיעוו. — 77,1%. מיר דאַרפן

אָבער דערביי באַמערקן, אַז אין די דאָזיקע צאָלן 2.877 און 3.473 גייען אויך אַריין אייניקע צענדליק ניט-יידן, אויף וויפיל אין די סטאַטיסטישע טאַבעלן,

וועלכע מיר האָבן באַקומען פון סטאַ-טיסטישן אַמט זיינען אָנגעגעבן געוואָרן די דאַטן פאַר אַלע קריסטלעכע אמונות באַזונדער און פאַר ניט-קריסטלעכע (יידן א. א.) אויך באַזונדער, וואו סקענען נאָר גענומען ווערן אין באַ-טראַכט אוניטן און מאַכמעדאַנער.

דערביי ווילן מיר אָנווייזן, אַז די דאָזיקע דאַטן אַנטשפּרעכן נאָך ווייט ניט דעם פאַקטישן מצב פון דער מלאכה אין ווילנער און נאָוואָגרודקער וואָיע-וואודסטוועס און ווי מ'האָט אונז דער-קלערט אין מיניסטעריום פאַר האַנדל און אינדוסטריע, — זיינען בערך 30 פּראָצענט פון די אַלע בעלי-מלאכות ניט אַריינגענומען געוואָרן אין די קאַ-מערן און איצט ווערן געמאַכט ווייטער-דיקע צוגאָב-רעגיסטראַציעס פון די דאָ-זיקע פעלנדע האַנטווערקער. דערהויפּט זיינען די ציפער ניט פולקאָם בנוגע די יידישע האַנטווערקער, ווי מיר האָבן עס שוין באַמערקט אויבן.

זייער אינטערעסאַנט זיינען די דאַטן וועגן די איינצלנע הויפּט-פאַכן אין גאַנץ פּוילן:

טאַבעלע 21.

די הויפּט-פאַכן אין פּוילן לויט די רעגיסטראַציע-קאַרטעס צום יאָר 1929.

| | פ א ך | יידן | ניט-יידן |
|---|---|---|---|
| .1 | שניידער | 20.608 | 11.160 |
| .2 | שוסטער | 11.450 | 24.804 |
| .3 | בעקער | 5.564 | 6.076 |
| .4 | קצבים | 4.979 | 9.940 |
| .5 | סטאָליאַרעס | 4.870 | 10.915 |
| .6 | קאַמאַשן-שטעפער | 3.728 | 651 |
| .7 | פריזירער | 3.348 | 3.148 |
| .8 | בלעכער | 2.653 | 1.138 |
| .9 | זייגערמאַכער | 2.148 | 786 |
| .10 | היטלמאַכער | 2.005 | 60 |
| .11 | שמידן | 1.813 | 15.025 |
| .12 | מאַליאַרעס | 1.485 | 1.790 |
| .13 | קאָנדיטער | 1.108 | 1.398 |
| .14 | קירזשנער | 1.027 | 790 |
| .15 | קאַפעליושנמאַכער | 878 | 642 |
| .16 | גלעזער | 794 | 312 |

דער הויפּט-פאַך ביי יידן איז נאָך אַלץ שניידעריי, וועלכער באַשעפטיקט 25 פּראָצ. פון אַלע יידישע האַנטווער-קער. דערנאָך גייט שוסטעריי, וועלכע איז אָבער צוויי מאָל קלענער פון אים, ווייטער גייען בעקער, קצבים און סטאָ-ליאַרעס כמעט אין אַ גלייכער צאָל, אָבער יעדערער פיר מאָל קלענער פון אים. נאָך די סטאָליאַרעס גייען כמעט אין אַ גלייכער צאָל קאַמאַשן-שטעפער און פריזירער. ביי ניט-יידן גייען אויפן ערשטן אָרט שוסטער. דערנאָך אויף צוויי דריטל קלענער — שמידן, ווייטער גייען שניי-דער און סטאָליאַרעס כמעט אין אַ גליי-כער צאָל, אָבער אין צווייען ווייניקער ווי שוסטער. נאָך די סטאָליאַרעס גייען קצבים און דערנאָך אויף אַ דריטל ווייניקער — בעקער.

אינגאַנצן יידישע פאַכן זיינען היטל-מאַכער, דערנאָך אין אַ קלענערער מאָס— קאַמאַשן-שטעפער און זייגערמאַכער.

## 5. פון וועלכע פּראָפעסיעס לעבט די באַפעלקערונג

(פּראָפעסיאָנעל אַקטיווע און פּאַסיווע צוזאַמען)

אויף דער פראַגע, פון וועלכע פּראָ-פעסיעס לעבט די אָרטיקע באַפעלקערונג פון ווילנער און נאָוואָגרודקער וואָיעוואודסטוועס, גיט אונז אַן ענטפער די פאָלגנדע טאַבעלע.

טאַבעלע 22.

די עקאָנאָמישע סטרוקטור פון דער יידישער און ניט-יידישער באַפעלקערונג (1921)

| פּראָפעסיעס | וואָיעוואודסטווע נאָוואָגרודקער: יידן | וואָיעוואודסטווע נאָוואָגרודקער: ניט-יידן | ווילנער (אָן דער שטאָט ווילנע און די דריי פּאָוויאַטן, וועלכע זיינען ניט אַריינגענומען געוואָרן בשעת דער פאָלקסציילונג פון יאָר 1921): יידן | ווילנער: ניט-יידן |
|---|---|---|---|---|
| צוזאַמען . . . | 74.334 | 748.755 | 27.935 | 448.229 |
| לאַנד- און וואַלד ווירטשאַפט, גערטנעריי און פישפאַנג | 8.349 | 680.435 | 3.280 | 416.462 |
| בערגבוי, אינדוסטריע און מלאכה | 26.996 | 18.834 | 8.325 | 17.702 |
| האַנדל און פאַרזיכערונג | 23.079 | 2.169 | 12.226 | 1.057 |
| קאָמוניקאַציע און טראַנספּאָרט | 2.658 | 7.586 | 953 | 3.654 |
| פרייע פּראָפעסיעס א. א. | 3.436 | 9.771 | 937 | 4.747 |
| אַרמיי | 36 | 2.617 | 4 | 331 |
| הויז-דינערשאַפט און ענלעכע | 922 | 3.710 | 269 | 1.835 |
| אַרבעטסלאָזע און קיינמאָל ניט באַשעפטיקטע | 5.816 | 19.923 | 889 | 2.985 |
| אָן אַ פאַך | 3.042 | 4.710 | 1.032 | 2.456 |
| **אין פּראָצענטער** | | | | |
| צוזאַמען . . . | 100 % | 100 % | 100 % | 100 % |
| לאַנד- און וואַלד ווירטשאַפט, גערטנעריי און פישפאַנג | 11,3 | 90,9 | 11,7 | 93,3 |
| בערגבוי, אינדוסטריע און מלאכה | 36,5 | 2,5 | 29,7 | 3,0 |
| האַנדל און פאַרזיכערונג | 30,9 | 0,3 | 43,7 | 0,2 |
| קאָמוניקאַציע און טראַנספּאָרט | 3,6 | 1,0 | 3,4 | 0,8 |
| פרייע פּראָפעסיעס א. א. | 4,6 | 1,3 | 3,3 | 1,1 |
| אַרמיי | 0,0 | 0,2 | 0,1 | 0,1 |
| הויז-דינערשאַפט און ענלעכע | 1,2 | 0,5 | 1,1 | 0,4 |
| אַרבעטסלאָזע און קיינמאָל ניט באַשעפטיקטע | 7,8 | 2,7 | 3,2 | 0,6 |
| אָן אַ פאַך | 4,1 | 0,6 | 3,8 | 0,5 |

פון די דאזיקע ציפער איז צו זען, אז אויף יעדע 100 יידן אין נאוואגרודקער וואיעוואודסטווע לעבן: 11,3 פראצ. פון לאנדווירטשאפט, 36,5 פראצ. פון אינדוסטריע און מלאכה און 30,9 פראצ. פון האנדל. אין ווילנער וואיעוואודסטווע ווידער לעבן: פון לאנדווירטשאפט — 11,7 פראצ., פון אינדוסטריע און מלאכה 29,7 פראצ. און פון האנדל—43,7 פראצ. יידן. די איבעריקע — פון אלע אנדערע באשעפטיקונגען.

די דאזיקע פארהעלטעניש פאר דער יידישער באפעלקערונג אין לאנד-מאסשטאב איז אויסגעפאלן כמעט דיזעלבע (אויסער לאנדווירטשאפט), ד. ה. אויף 100 יידן אין פוילן לעבן: 5,3 פראצ. פון לאנדווירטשאפט, 33,8 פראצ. פון אינדוסטריע און מלאכה און 41,3 פראצ. פון האנדל.

דאקעגן ביי ניט-יידן, איז די דאזיקע פראצענטועלע פארהעלטעניש גאר אן אנדערע: אויף יעדע 100 ניט-יידן אין נאוואגרודקער וואיעוואודסטווע לעבן: פון לאנדווירטשאפט 90,9 פראצ. (אין ווילנער — 93,3), פון אינדוסטריע און מלאכה — 2,5 פראצ. (אין ווילנער — 3,0), פון האנדל — 0,3 פראצ.

די פארהעלטעניש פון דער ניט-יידישער באפעלקערונג אין לאנד-מאסשטאב, שטעלט זיך פאר ווי פאלגנד: אויף יעדע 100 ניט-יידן אין פוילן לעבן: פון לאנדווירטשאפט 72,9, פון אינדוסטריע און מלאכה — 11,3 און פון האנדל 2,1 ניט-יידן.

ווילן מיר אבער דורכפירן די קאמבינאציעס צווישן דער יידישער און ניט-יידישער באפעלקערונג אינערהאלב פון יעדן עקאנאמישן קלאס, וועלן מיר באקומען פאלגנדן בילד:

טאבעלע 23.

פראפעסיעס אויף יעדע 100 איינוואוינער (1921)

| אויף יעדע 100 איינוואוינער, וועלכע לעבן פון — ווינען צייכן זיי פארצן: | אין נאוואגרודקער וואיעוו. | | אין ווילנער וואיעוו. אן דער שטאט ווילנע און די דריי פאוויאטן | | אין גאנץ פוילן | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | יידן | ניט-יידן | יידן | ניט-יידן | יידן | ניט-יידן |
| לאנדווירטשאפט . . . . . . | 1,0 | 99,0 | 0,7 | 99,3 | 0,9 | 99,1 |
| אינדוסטריע און מלאכה. . . . | 58,9 | 41,1 | 39,5 | 60,5 | 26,5 | 73,5 |
| האנדל. . . . . . . . . | 92,3 | 7,7 | 93,0 | 7,0 | 70,6 | 29,4 |

די דאזיקע דאטן כאראקטעריזירן בולט די סטרוקטור פון דער יידישער באפעלקערונג אין די אויבנדערמאנטע וואיעוואודסטוועס. די דאטן, וועלכע כאראקטעריזירן דעם אנטייל פון דער יידישער און ניט-יידישער באפעלקערונג אין די באזונדערע באשעפטיקונגס-צווייגן, באווייזן, אז ניט נאר די ספעציפישע צווייגן, ווי סחורות-האנדל, דערנערונג, באקליידונג, לעדער, — געפינען זיך כמעט אויסשליסלעך אין יידישע הענט, נאר אפילו אין אזעלכע צווייגן ווי מעטאל, מאשין און עלעקטראטעכניק — זיינען די יידן פארטראטן באדייטנד גרעסער, ווי אין אנדערע וואיעוואודסטוועס. אויב מיר וועלן אראפרעכענען די לאנדווירטשאפט אין די דאזיקע צוויי וואיעוואודסטוועס און וועלן נאך נעמען אין אכט, אז זיי פארמאגן ניט קיין אנטוויקלטע שווער-אינדוסטריע, — וועט אויסקומען, אז איבער $^2/_3$ פון דער באפעלקערונג, וועלכע איז טעטיק אין דער אינדוסטריעלער פראדוקציע און אין סחורות-אויסטויש, זיינען יידן.

אנדערש וועלן זיך אין דער הינזיכט געשטאלטן די דאזיקע באדינגונגען אין די געביטן און וואיעוואודסטוועס, וואו ס'איז פאראן א ברייט-אנטוויקלטע אינדוסטריע, און וועלכער ס'איז פארטראטן דער ניט-יידישער פראלעטאריאט.

## 6. די אינדוסטריע אין ווילנער געגנט.

די מזרח-געביטן בכלל, וועלכע זיינען שיטער באפעלקערטע געגנטן, האבן געהאט זייער א שוואך-אנטוויקלטע אינדוסטריע.

פאר דער מלחמה (1911) האט די אינדוסטריע-פראדוקציע פון קאנגרעס-פוילן באטראפן 60,8 רובל אויף אן איינוואוינער, בשעת דער דורכשניטלעכער ווערט פון די אינדוסטריעלע פראדוקציע פון די מזרח-געגנטן האט קוים דערגרייכט 10,9 רובל אויף אן איינוואוינער.

די אינדוסטריע פון ווילנער געגנט, אין פארגלייך מיט דער אינדוסטריע פון אנדערע געגנטן אין פוילן, איז געווען זייער שוואך אנטוויקלט. די ווילנער גובערניע האט פאר דער מלחמה געציילט 25.890 ארבעטער, דערפון האבן נאר 7.400 געארבעט אין דער גרויס-אינדוסטריע; אויף 1.000 איינוואוינער איז געווען 13 אינדוסטריע-ארבעטער, דערפון האבן 4 געארבעט אין דער גרויס-אינדוסטריע, בשעת קאנגרעס-פוילן האט געהאט 68 אינדוסטריע-ארבעטער אויף 1.000 איינוואוינער, דערפון איז אויסגעפאלן 19 אויף דער גרויס-אינדוסטריע; אין גאליציע איז אויף 1.000 איינוואוינער געווען 37 אינדוסטריע-ארבעטער, דערפון זיינען 7 געווען טעטיק אין דער גרויס-אינדוסטריע.

לויט דער אויסרעכענונג פון דער דירעקציע פאר האנדל און אינדוסטריע אין ווילנער געביט, האט די ווילנער געגנט אין יאר 1921 געציילט 590 אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, דערפון 413 יידישע און 177 קריסטלעכע, די פראדוקציע האט באטראפן נאר עטלעכע און צוואנציק פראצענט לגבי דער פאר-מלחמהדיקער (ז. דעם אויבן-ציטירטן ווערק פון סטודניצקי).

ניט האבנדיק די מעגלעכקייט צו פארגלייכן די מאטעריאלן פון 1897 וועגן די אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען מיט דעם איצטיקן מצב, צוליב דער אדמיניסטראטיווער צוטיילונג פון דער פריערדיקער ווילנער גובערניע, וועלן מיר פרובן געבן א פראגמענט פון דער גרויסער ארבעט פון פראפ. פיעקאלקעוויטש וועגן די ווירטשאפטלעכע ראיאנען אין פוילן. פיעקאלקעוויטש האט פון דער גאנצער ווילנער געגנט קאנסטרואירט נאר איין אינדוסטריעלן ראיאן פון ווילנע שטאט און ווילנער פאוויאט, אויף וויפיל זיי אנטשפרעכן דעם אינדוסטריעלן כאראקטער לגבי די אינדוסטריעלע ראיאנען אין איבעריקן פוילן (פארגלייך אונזער ארבעט אין „קאאפ. באוועגונג" — 11—12, 1929 און 1—2, 1930).

לויט די אויסרעכענונגען פון פראפ. פיעקאלקעוויטש זיינען אין דעם אינדוסטריעלן ראיאן פון ווילנער געגנט (שטאט ווילנע און ווילנער פאוויאט) פאראן 59 מיטעלע און גרעסערע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, וועלכע באשעפטיקן בס"ה 3.364 ארבעטער (אונטערנעמונגען פון 20 ארבעטער אן. אויפן 1-טן מאי 1926). פון די אינדוסטריע-צווייגן, וועלכע זיינען אממייסטן אנטוויקלט אין ווילנע, זיינען: גלאז-הוטעס,

האלץ-טארטאקן און לעדער-גארבערייען. אין די שכנותדיקע פאוויאטן פון ווילנער געגנט האבן מיר א זייער ניט-באדייטנד אנטוויקלטע אינדוסטריע. די צאל מיטעלע און גרעסערע אונטערנעמונגען איז דארט א מינימאלע.

אויף ווי ווייט דער ווילנער ראיאן איז אינדוסטריעל-אפגעשטאנען לגבי די אנדערע ראיאנען אין איבעריקן פוילן, באווייזט דער פארגלייך, וועלכן מיר וועלן ווייטער מאכן פון דער פראצענט-פארהעלטעניש פון ארבעטער און אונטערנעמונגען, וואס באשעפטיקן מער ווי 20 ארבעטער, לגבי דער אלגעמיינער צאל פראפעסיאנעל-אקטיווע אין דער אינדוסטריע.

טאבעלע 24.

| ס׳זיינען באשעפטיקט אין אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען מער ווי 20 ארבעטער אין | פראצ. פון אלע פראצ. אקטיווע אין דער אינד. |
|---|---|
| ווארשע שטאט . . | 24,6 |
| ווארשעווער וואיעוו. . | 72,6 |
| לאדז . . . . . | 44,5 |
| קיעלץ . . . . | 43,0 |
| לובלין . . . . | 19,8 |
| ביאליסטאק . . . | 18,5 |
| ווילנע . . . . . | *) 2,1 |
| נאוואגרודאק . . . | **) 12,3 |
| פאלעסיער . . . | 15,0 |
| וואלינער . . . | 15,3 |
| פויזנער . . . . | 46,2 |
| פאמערן . . . . | 39,5 |
| שלעזיע . . . . | 80,9 |
| קראקע . . . . | 35,5 |
| לעמבערג . . . | 23,8 |
| סטאניסלאוואוו . . | 28,9 |
| טארנאפאל . . . | 67,1 |

די אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען אין ווילנער געגנט טיילן זיך איין דערהויפט אין פאלגנדע צווייגן:

*) אין די פאוויאטן: דוניליאוויטש 1,0; דיסנע 3,0; ווילייקע 3,3.

**) אין די פאוויאטן: בעראנאוויטש 11,1; לידע 13,4; ניעסוויזש 5,0; נאוואגרודאק 17,0; סלאנים 23,6; סטאלפצי 3,0; וואלאזשין 3,1.



טאבעלע 25.

אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען מיט איבער 20 ארבעטער — אין ווילנער אינדוסטריעלן ראיאן (מאי 1926).

| אינדוסטריע-צווייגן | ס"ה אין גאנץ פוילן: צאל אונטערנעמונגען | ס"ה אין גאנץ פוילן: צאל ארבעטער | דערפון אין ווילנער ראיאן: צאל אונטערנעמונגען | דערפון אין ווילנער ראיאן: צאל ארבעטער | דערפון אין ווילנער ראיאן: % אונטערנעמונגען | דערפון אין ווילנער ראיאן: % ארבעטער |
|---|---|---|---|---|---|---|
| 1. צעגעלניעס . . . . . | 362 | 18.431 | 1 | 82 | 0,3 | 0,4 |
| 2. גלאז-הוטעס . . . . | 79 | 13.431 | 3 | 415 | 3,8 | 3,1 |
| 3. טעקסטיל . . . . . . | 552 | 100.386 | 2 | 39 | 0,4 | — |
| 4. פאפיר . . . . . . | 40 | 7.039 | 6 | 447 | 15,0 | 6,3 |
| 5. לעדער . . . . . . | 75 | 3.651 | 5 | 108 | 6,7 | 3,0 |
| 6. איבערארבעט. פון רוי-לעדער | 354 | 219.886 | 13 | 5.603 | 3,7 | 2,6 |
| 7. האלץ-טארטאקן . . . . | 549 | 31.747 | 15 | 585 | 2,7 | 1,8 |
| 8. מילן . . . . . . . | 119 | 3.170 | 2 | 44 | 1,7 | 1,4 |
| 9. פאליגראפיע . . . . . | 173 | 7.473 | 4 | 100 | 2,3 | 1,3 |

אויפן ערשטן ארט גייט דא די פאפיר-אינדוסטריע מיט 15 פראצ. אונטערנעמונגען און 6,3 פראצ. ארבעטער, דאן גייט די לעדער-אינדיסטריע מיט 6,4 פראצ. באשעפטיקטע ארבעטער לגבי דער גאנצער צאל ארבעטער אין דער דאזיקער אינדוסטריע אין גאנץ פוילן.

פון די אלע דאטן איז צו זען, אז דער אינדוסטריעלער כאראקטער פון ווילנער געגנט איז סיי לויט דער קוואנטיטעט און סיי לויט דער קוואליטעט פון די פראדוקציע-צווייגן לגמרי אן אנדערער, ווי אין די איבעריקע געגנטן אין פוילן, אין וועלכער ס׳איז קאנצענטרירט די שווערע אינדוסטריע, סיי די איבערפראדוצירנדע און סיי די רוי-פראדוצירנדע.

צום סוף וועלן מיר נאך פרובן זיך אפשטעלן אויף די קארגע און ווייניקע ידיעות, וועלכע זיינען פאראן וועגן דער צאל יידישע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען אין דער פריערדיקער ווילנער גובערניע און פון דער איצטיקער ווילנער געגנט. די מאטעריאלן וועגן די אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען אין דער אמאליקער ווילנער געגנט, באציען זיך צום יאר 1897/8 אויפן סמך פון דער דורכגעפירטער אנקעטע דורך יק"א. די דאטן ווידער וועגן דער ווילנער געגנט באציען זיך אויף די מאטעריאלן פון דער דורכגעפירטער אינדוסטריעלער אנקעטע דורכן „דזשוינט" אין יאר 1921.

די מאטעריאלן פון די יק"א-קארעספאנדענטן, האבן ארומגענומען נאר די אלגעמיינע צאל פון 213 פאבריקן (דערפון יידישע—165), מיט אן אלגעמיינער



צאל פון 4.486 ארבעטער (דערפון יידישע—2.407). אין פאבריקן מיט מאטארן האבן געארבעט 22,5 פראצ. יידישע ארבעטער, דאקעגן אין פאבריקן אן מאטארן—77,5 פראצ.

לויט די מאטעריאלן, וועלכע זיינען באארבעט געווארן אויפן סמך פון די ידיעות פון האנדלס-דעפארטאמענט ביים אינערן-מיניסטעריום, האט די אלגעמיינע צאל פאבריקן אין ווילנער גובערניע באטראפן 353 (דערפון 178 יידישע); די אלגעמיינע צאל ארבעטער אויף די דאזיקע פאבריקן האט באטראפן 2.407. דער ווערט פון דער פראדוקציע האט באטראפן 11.588.000 רובל, דערפון אין די יידישע פאבריקן 6.900.000 רובל.

די אויפגאבע פון דער „דזשוינט"-אנקעטע איז געווען „צו זאמלען סטאטיסטישע ידיעות וועגן יידישע אינדוסטריעלע און האנטווערקער-אונטערנעמונגען, וואו יידן לוין-ארבעטער, אייגנטימער און פאמיליען-מענטשן נעמען א דירעקטן אנטייל אין פראדוקציע-פראצעס".

לויט די מאטעריאלן פון דער דאזיקער אנקעטע, זיינען אין ווילנער געביט (8 שטעט *) אויסגעפארשט געווארן 3.575 יידישע אונטערנעמונגען, דערפון זיינען 173 געווען ניט טעטיק (בלויז אין ווילנע—שטאט זיינען דאן ניט טעטיק געווען 111 אונטערנעמונגען).

אויף יעדע 100 פון דער אלגעמיינער צאל באשעפטיקטע אין די אונטערנעמונגען, זיינען געווען: 38,3 אייגנטימער,

*) דיסנע, גלובאקע, איוויע, לידע, ניי-סווענציאן, אשמענע, סווענציאן און ווילנע.

15,5 מישהעלפנדיקע פאַמיליע-אייגנטימער און 46,2 לוין-אַרבעטער.

די דורכשניטלעכע צאָל באַשעפטיקטע פערזאָנען אויף איין אונטערנעמונג באַטרעפט 2,6.

טעטיקע אונטערנעמונגען אָן לוין-אַרבעטער זיינען אין ווילנער געגנט געווען 56,5 פּראָצ.

## 7. צאָל אויסגעקויפטע האַנדלס-און אינדוסטריע-פּאַטענטן אין ווילנער געגנט.

אַלס הויפּט-סימן פאַר דעם אַנטוויקלונגס-גראַד אין האַנדל און אין דער אינדוסטריע, באַטראַכטן מיר די צאָל אויסגעקויפטע האַנדלס- און אינדוסטריע-פּאַטענטן.

לויט די אָפיציעלע דאַטן, וועלכע מיר האָבן אין אונזער רשות, זיינען דורך דער ווילנער פינאַנץ-קאַמער אויסגעקויפט געוואָרן פאָלגנדע צאָל פּאַטענטן:

טאַבעלע 26.

| יאָר | צאָל פּאַטענטן | דערפון האַנדלס-פּאַטענטן | פון דער דאָזיקער צאָל אין דער שטאָט ווילנע |
|---|---|---|---|
| 1924 | 23.554 | 14.744 | 6.789 |
| 1925 | 25.534 | 15.428 | 6.630 |
| 1926 | 21.673 | 14.383 | 6.105 |
| 1927 | 24.913 | 16.304 | 6.209 |
| 1928 | 25.180 | 15.598 | 6.615 |
| 1929 | 24.095 | 15.357 | 6.189 |
| 1930 | 23.175 | 14.727 | 5.661 |

פון די דאָזיקע ציפער זעען מיר, אַז די צאָל אויסגעקויפטע פּאַטענטן, וועלכע איז דערגאַנגען אין יאָר 1928 צו דער גרעסטער צאָל איבער 25 טויזנט, הייבט אָן צוליב דעם קריזיס צו פאַלן און פאַרקלענערט זיך כסדר.

אויף ווי ווייט דער קריזיס האָט געווירקט אויף דער פאַרקלענערונג פון די גרעסערע אונטערנעמונגען באַווייזט די צאָל אויסגעקויפטע פּאַטענטן פון דער 1-טער און 2-טער קאַטעגאָריע (דורך דער ווילנער פינאַנץ-קאַמער *):

טאַבעלע 27.

| יאָר | צאָל פּאַטענטן 1-טע און 2-טע קאַטעגאָריע | פון דער דאָזיקער צאָל אין דער שטאָט ווילנע |
|---|---|---|
| 1924 | 1.907 | 1.178 |
| 1925 | 1.488 | 1.010 |
| 1926 | 1.147 | 826 |
| 1927 | 1.359 | 841 |
| 1928 | 1.352 | 862 |
| 1929 | 1.422 | 885 |

*) צו דער ווילנער פינאַנץ-קאַמער געהערן די קרייז-פינאַנץ-אַמטן אין פאָלגנדע פאָוויאַטן: בראַסלאַוו, דיסנע, אָשמענע, פּאָסטאַוו, סווענציאַן, ווילייקע, ווילנע-טראָקער, שטאָט ווילנע (מיט 3 פינאַנץ-אַמטן).



די דאָזיקע פאַרקלענערונג איז געגאַנגען אויפן חשבון פון דעם וואוקס פון די קלענערע האַנדלס-קאַטעגאָריעס און באַזונדערס אויף דער 4-טער קאַטעגאָריע. די ווילנער פינאַנץ-קאַמער גיט אַרויס נאָר 4 פּראָצ. פון דער אַלגעמיינער צאָל פּאַטענטן אין פּוילן (ס"ה ווערן יערלעך אויסגעקויפט אין פּוילן בערך 600.000 פּאַטענטן, דערפון 400.000 האַנדלס-פּאַטענטן).

עס וואָלט געווען אינטערעסאַנט צו באַקומען אַ בילד וועגן דער צאָל אויסגעקויפטע פּאַטענטן דורך יידישע אונטערנעמונגען. אָבער ליידער ווערט אין דער דאָזיקער סטאַטיסטיק ניט באַריקזיכטיקט די פראַגע פון דער נאַציאָנאַלער אָנגעהעריקייט, אַזוי אַז מען קען ניט גענוי פעסטשטעלן אויף דעם סמך פון די ביז-איצט פאַרעפנטלעכטע מאַטעריאַלן, די צאָל יידישע אונטערנעמונגען.

מיר וואָלטן אָבער געקענט דורכפירן אַ געוויסע קאָמבינאַציע צווישן דער צאָל „זעלבשטענדיקע“ לויט די רעזולטאַטן פון דער פאָלקסציילונג פון יאָר 1921 און אָננעמען, אַז דער זעלבסטשטענדיקער איז גלייכצייטיק אַן אייגנטימער פון אַן אונטערנעמונג, לויט דעם דאָזיקן מעטאָד, וואָלט אַלזאָ אויסגעקומען, אַז אויף 100 זעלבשטענדיקע אין האַנדל זיינען דאָ 92,5 יידן און אויף יעדע 100 זעלבסטשטענדיקע אין דער אינדוסטריע, זיינען פאַראַן 49,7 יידן זעלבשטענדיקע (חוץ ווילנע, טראָק, אָשמענע און סווענציאַן), — אָדער אַנדערש געזאָגט 70 פּראָצ. פון די האַנדלס- און אינדוסטריע-אונטערנעמונגען זיינען יידישע.

מיר האָבן אויך אין אונזער רשות אַן אַנדער קוועלע, וועלכע באַשטעטיקט אונזער אויבנדערמאָנטע אויסרעכענונג.

וול. סטודניצקי ציטירט אין זיין שוין דערמאָנטער אַרבעט, אַז לויט אַ ספּעציעלער אויספאָרשונג, וועלכע איז דורכגעפירט געוואָרן דעם 1 אָקטאָבער 1919, זיינען דאַן אין ווילנער געגנט געווען 6.937 האַנדלס-אונטערנעמונגען, דערפון 4.927 יידישע (אָדער 72 פּראָצ. יידישע און די איבעריקע קריסטלעכע):

טאַבעלע 28.

| | | |
|---|---|---|
| אין ווילנע שטאָט . | 4.813 | געוועלבער |
| „ ווילנער פּאָוויאַט | 455 | „ |
| „ טראָקער „ . | 118 | „ |
| „ סווענציאַנער „ . | 959 | „ |
| „ אָשמענער „ . | 412 | „ |
| הויזירער אין ווילנע-שטאָט און אין די פיר אָנגערופענע פּאָוויאַטן | 180 | |



יעקב לעשטשינסקי האָט אין זיין זייער אינטערעסאַנטער אַרבעט וועגן „חורבן ווילנע“ („ווירטשאַפט און לעבן“, בערלין 1929, I), אָנגעוויזן, אַז אין ווילנע שטאָט, זיינען צום 1 יולי 1926 געווען 3.496 יידישע אונטערנעמונגען, פון דער אַלגעמיינער צאָל 6.202, ד. ה. 56,4 פּראָצ.; האַנדלס-אונטערנעמונגען זיינען געווען 714, פון זיי יידישע 533, ד. ה. 74,7 פּראָצ.

פון די אַלע דאַטן קענען מיר שוין יעדנפאַלס באַקומען אַ מער-ווייניקן באַגריף וועגן דער נאַציאָנאַלער אָנגעהעריקייט פון די האַנדלס- און אינדוסטריע-אונטערנעמונגען אין ווילנער געגנט, באַצייכענענדיק, אַז $^3/_4$ פון אַלע אונטערנעמונגען געהערן צו יידן.

## 8. די לאַנדווירטשאַפט אין ווילנער געגנט.

די לאַנדווירטשאַפט אין ווילנער געגנט צייכנט זיך אויס מיט אַ זייער נידעריקן פּראָצענט אַקער-באָדן און מיט די מינימאַלסטע ווייץ-זריעות. אין דער דאָזיקער געגנט באַנוצט מען זיך כמעט ניט מיט קיין קינסטלעכע באַמיסטיקונגען. די תבואה-שניטן זיינען זייער נידעריק. כמעט אַלע פּאָוויאַטן פון דער דאָזיקער געגנט פאַרמאָגן אַ ניט-גענוגנדע פאַר זיך תבואה-פּראָדוקציע. גלייכצייטיק צייכנט זיך אויס די געגנט מיט אַ קליינער געדיכטקייט פון דער באַפעלקערונג, אָבער מיט אַ גרויסן פּראָצענט באַפעלקערונג, וואָס לעבט פון לאַנדווירטשאַפט.

די געגנט, וועלכע איז געווען פון תמיד אָן זייער אַן אָרעמע, איז באַזונדערס שטאַרק געטראָפן געוואָרן פון דעם לעצטן גרויסן וועלט-קריג, וועלכער האָט אין אַ ניט-גלייכער מאָס לגבי אַנדערע געגנטן, פאַרניכטעט דעם גרעסטן טייל אינווענטאַר פון דער לאַנדווירטשאַפט און נאָך מער פאַרקלענערט די פּראָדוקטיוויטעט פון די ווירטשאַפטן אין דער דאָזיקער געגנט. זי איז חרוב געוואָרן פון די אָפטע מלחמה-אָפּעראַציעס, רעקוויזיציעס פון די פאַרשיידענע מיליטערישע אָפּטיילונגען, אָקופּאַציעס, מהומות א. אַז. וו. אַ טייל פּאָוויאַטן האָבן פאַרלאָרן ביז אַ דריטל פון זייערע שטענדיקע איינוואוינער (ווילנער פּאָוויאַט — 24 פּראָצ., בראַסלאַווער — $27^1/_4$ פּראָצ., לידער — 27 פּראָצ. אָשמענער — $32^1/_4$ פּראָצ., סווענציאַנער — $27^1/_4$ פּראָצ.).

די צאָל פון לעבעדיקן אינווענטאַר אין ווילנער געגנט איז אַזוי באַדייטנד געפאַלן, אַז אין יאָר 1919 האָט די דאָזיקע געגנט פאַרמאָגט פיל ווייניקער

פערד און בהמות, איידער מיט אַכציק יאָר צוריק.

פאַר דער מלחמה האָט די ווילנער געגנט באַזעסן דורכשניטלעך אויף אַ קוואַדראַט-קילאָמעטער 7 פערד, 16 שטיק בהמות, 8 חזירים און 10 שעפסן. אין פאַרגלייך מיט די דאָזיקע דאַטן זיינען אין יאָר 1919 געווען איבער צוויי מאָל ווייניקער פערד און אין פאַרשיידענע פאָוויאַטן פיר מאָל ווייניקער בהמות.

צוליב דעם טאַקע פילט זיך אין ווילנער געגנט אַ גרויסער מאַנגל אין לעבעדיקן אינווענטאַר, וועלכע ווערט מאַסנווייז געבראַכט פון אַנדערע קאַנטן אין פוילן, וואָס זיינען אין דעם פרט ניט אין אַן ערך רייכער.

דאָס פראָבלעם פון באַזיצן אַ לעבעדיקן אינווענטאַר איז דער הויפּט-יסוד פון דער לאַנדווירטשאַפט אין דעם קאַנט, ווייל פון דער צאָל לעבעדיקן אינווענטאַר אין אַ געגנט, וועלכע פאַרמאָגט ניט קיין שום מאָדערנע לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינען און באַנוצט אויך ניט גלייכצייטיק קיין שום קינסטלעכע באַמיסטיקונגען, — איז אָפּהענגיק דער פאַרנעם פון זריעות און די הכנסה פון די תבואה-שניטן, וועלכע זיינען פיל קלענער ווי אין קאָנגרעס-פוילן און גאַליציע און גאָר קליין לגבי פויזן.

לויט פראָפ. פיעקאַלקיעוויטש האָט דער מזרח-דרומדיקער ראַיאָן, אין וועלכן ס'גייען אַריין די פאָוויאַטן בראַסלאַוו, דיסנע, פאָסטאַוו, סווענציאַן, אָשמענע, ווילייקע, מאָלאָדעטשנע, סטאָלפּצע, וואָלאָזשין און לידע פאָלגנדע כאַראַקטעריסטישע אייגנשאַפטן (די ידיעות געהערן צו די יאָרן 1925/26):

טאַבעלע 28A.

| אייגנשאַפטן | ווילנער געגנט | סלאָנים — נאָוואָגר. | פויזנער ראַיאָן |
|---|---|---|---|
| איף אַ קוואַדראַט קילאָמעטער: | | | |
| די געדיכטקייט פון דער באַפעלקערונג | 30,1 | 45,1 | 70,5 |
| פראָצענט פון דער לאַנדווירטשאַפטלעכער באַפעלקערונג | 88,2 | 80,2 | 62,9 |
| די געדיכטקייט פון דער לאַנדווירטשאַפטלעכער באַפעלקערונג *) | 66,3 | 66,2 | 54,6 |
| פראָצענט אַקער-באָדן | 32,1 | 43,2 | 70,8 |
| פראָצענט וואַלד | 30,1 | 29,2 | 13,7 |
| שניט פון ווייץ (אין קווינטאַל אויף אַ העקטאַר) | 7,9 | 9,1 | 19,1 |
| שניט פון קאָרן „ „ „ | 7,4 | 8,8 | 17,1 |
| קאַרטאָפל „ „ „ | 95,0 | 110,0 | 149,0 |
| שניט פון ברויט-תבואות (אין קילאָ אויף אַן איינוואוינער) | 234,0 | 237,0 | 628,0 |

די אַלע אויבנגעבראַכטע ציפער כאַראַקטעריזירן אונז די בלוט-אָרעמקייט פון דער געגנט, די קליינע קויפס-קראַפט פון דער דאָרפישער באַפעלקערונג און די ווייניקע פערספעקטיוון וועגן אַ ווירטשאַפטלעכער עקספּאַנסיע פון די שטעט און שטעטלעך, וועלכע רינגלען אַרום די דאָזיקע זייער פאַראָרעמטע דערפער.

## 9. אַגראַר-רעפאָרם.

די סאָציאַלע סטרוקטור פון דער לאַנדווירטשאַפטלעכער באַפעלקערונג האָט זיך פאַר די לעצטע 8 יאָר זייער ווייניק געענדערט, סיי דער ערשטער געזעץ וועגן דער אַגראַר-רעפאָרם, וועלכער איז אָנגענומען געוואָרן דורכן סיים דעם 1 יוני 1919 און סיי דאָס נאָוועליזירן פון דערמאָנטן געזעץ דעם 10 פעברואַר 1925, — האָבן זייער ווייניק מיטגעהאָלפן צו ענדערן די סטרוקטור פון דער לאַנדווירטשאַפט אין ווילנער געגנט, צוליב פאַרשיידענע ווירטשאַפטלעכע און פינאַנסיעלע טעמים (גענויער וועגן דער דאָזיקער פראַגע ז. מיין אַרבעט אין „ווירטשאַפט און לעבן", בערלין 1929, נום. 1).

*) אויף 100 העקטאַר אַקער-פעאיקן באָדן.

## 10. אַנטייל פון יידן אין דער לאַנדווירטשאַפט פון ווילנער געגנט.

לויט די ידיעות פון דער יק"אַ-אַנקעטע זיינען אין יאָר 1898 אין ווילנער געגנט געווען 325 לאַנדווירטשאַפטן, אויף וועלכער ס'האָבן זיך געפונען 316 משפחות (2.414 נפשות: 1.071 מענער און 1.060 פרויען). דער שטח באָדן פון די דאָזיקע ווירטשאַפטן האָט באַטראָפן 4.392 דעסיאַטין. חוץ דעם דאָזיקן באָדן, האָבן נאָך די קאָלאָניסטן באַאַרבעט 163 דעסיאַטין אַרענדירטן באָדן **).

לויט דער פאָלקס-ציילונג פון יאָר 1921 האָבן מיר נאָר ידיעות וועגן די גרעסערע לאַנדווירטשאַפטן, ד. ה. וועגן גיטער פון 50 העקטאַר אָן. פאַר די קלענערע ווירטשאַפטן, זיינען די מאַטעריאַלן, לויט די אמונות, ניט באַאַרבעט געוואָרן. אויפן סמך פון די דאָזיקע ידיעות, באַקומען מיר פאָלגנדן בילד וועגן דער פאַרהעלטעניש פון יידישע און ניט-יידישע גרעסערע לאַנדווירטשאַפטן אין ווילנער און נאָוואָגרודקער וואָיעוואָדסטוועס:

טאַבעלע 29.

| וואָיעוואָדסטווע | צאָל גיטער: ס"ה | צאָל גיטער: דערפון יידישע | שטח (אין העקטאַר): ס"ה | שטח (אין העקטאַר): דערפון יידישע |
|---|---|---|---|---|
| אין גאַנץ פוילן | 19.348 | 311 | 10.327.222 | 162.301 |
| אין ווילנער וואָיעוו. | 2.536 | 24 | 803.922 | 7.485 |
| אין נאָוואָגרודקער וואָיעוו. | 1.244 | 11 | 685.823 | 3.140 |

**) וועגן דער אויספאָרשונג פון 11 קאָלאָניעס אין ווילנער געגנט דורך דעם קאָמיטעט „יעקאָפּאָ" אין יאָר 1919 און זייער פאַרגלייך מיטן יאָר 1898

ז. דעם באריכט וועגן דער ערשטער קאָנפערענץ פון „יעקאָפּאָ", אויך אויבן ז. 350 און ווייטער די אַרטיקלען „אַנקעטעס און אויספאָרשונגען". רעד.

וועגן דער סטרוקטור פון די דאָזיקע גרויסע ווירטשאַפטן גיט אונז אַ בילד פאָלגנדע טאַבעלע:

טאַבעלע 30.

| די גרויס פון די ווירטשאַפטן (אין העקטאַר) | אין גאַנץ פוילן — ס"ה צאָל גיטער | אין גאַנץ פוילן — דערפון יידישע | אין ווילנער וואָיעוו. — ס"ה צאָל גיטער | אין ווילנער וואָיעוו. — דערפון יידישע | אין נאָוואָגרודקער וואָיעוו. — ס"ה צאָל גיטער | אין נאָוואָגרודקער וואָיעוו. — דערפון יידישע |
|---|---|---|---|---|---|---|
| צוזאַמען . | 19.348 | 311 | 2.536 | 24 | 1.244 | 11 |
| פון 50 —100 . | 6.220 | 78 | 1.019 | 12 | 387 | 1 |
| פון 100—500 . | 8.919 | 180 | 1.255 | 9 | 624 | 8 |
| פון 500—1.000 | 2.259 | 23 | 126 | 1 | 122 | 2 |
| איבער 1.000 . | 1.950 | 30 | 136 | 2 | 111 | — |

פון די דאָזיקע מאַטעריאַלן זעען מיר, אַז דער אַנטייל פון די יידן אין די גרעסטערע לאַנדווירטשאַפטן איז אַ קענטיקער. לײדער פעלן אונז אַנדערע גענויערע דאַטן וועגן דעם כאַראַקטער פון די דאָזיקע יידישע לאַנדווירטשאַפטן. דאָס וואָלט נאָר מעגלעך געווען צו באַקומען דורך אַ ספּעציעל-דורכגעפירטער אַנקעטע. אגב, איז שוין אַזאַ אַנקעטע דורכגעפירט געוואָרן אין גאַליציע *), פון וועלכער ס'האָט זיך באַקומען זייער אַן אינטערעסאַנט בילד וועגן דער לאַגע פון דער יידישער לאַנדווירטשאַפט אין די דריי וואָיעוואָדסטוועס פון מזרח-גאַליציע.

## 11. איבער-באַפעלקערונג אין דאָרף.

שטיצנדיק זיך לויטן מעטאָד פון די אויסרעכענונגען פון פּראָפ. לודקעוויטש פאַר גאַנץ פוילן („זאַגאַדניעניאַ פּראָגראַמו אַגראַרנעגאָ אַ עמיגראַציאַ") קומט אויס, אַז אויף דעם ביז-איצטיקן שטח פון די קליינע ווירטשאַפטן פון 5 העקטאַר וואָלטן געקאָנט אין ווילנער וואָיעוואָדסטווע **) אויסהאַלטן זיך 17 טויזנט ווירטשאַפטן. דאָרט איז אָבער פאַראַן 35.653 ווירטשאַפטן מיט אַ באַפעלקערונג פון 178.000 פּערזאָן. אין דער דאָזיקער קאַטעגאָריע לאַנדווירטשאַפטן איז אַלזאָ דאָ אַ עודף פון איבער 100 טויזנט מענטשן.

דער זעלבער מצב איז אויך אין נאָוואָגרודקער וואָיעוואָדסטווע, וואו אין די קליינע ווירטשאַפטן איז דאָ אָרט ניט מער ווי פאַר 33 טויזנט משפחות, בשעת פאַקטיש געפינען זיך אויף דעם דאָזיקן באָדן 2 מאָל אַזוי פיל ווירטשאַפטן מיט אַן איבער-באַפעלקערונג פון בערך 225 טויזנט מענטשן.

די אַגראַר-רעפאָרם, וועלכע ווערט זייער לאַנגזאַם דורכגעפירט, ווי אויך די אויסטריקענונגס- און מעליאָראַציע-אַרבעטן, וועלן ניט קענען פאַרענטפערן דעם דאָזיקן פּראָבלעם אין זיין גאַנצן אומפאַנג. די איינציקע לייזונג איז דעריבער, לויט אַ טייל פוילישע עקאָנאָמיסטן און פּאָפּולאַציע-פּאָליטיקער, אַ מאַסן-קאָלאָניזאַציע פון די דאָזיקע עלעמענטן אין די לענדער פון מעבר-לים: בראַזיליע, אַרגענטינע א. א.

*) דורך ד"ר א. זילבערשיין, ז. אויבן זייט 747, אויך לוח פון „יאָר צו יאָר" 1927, זייט 96—98. רעד.

**) לויט דער פ. צ. פון יאָר 1921.

## 12. ווילנער געגנט אַלס פּאַסיווער פינאַנס-ראַיאָן אין פוילן.

די איצטיקע ווילנער געגנט געהערט צו די פּאַסיווסטע פינאַנס-ראַיאָנען אין פוילן (ז. די אַרבעט פון ד"ר פּ. ראַסינסקי „פּאַסיווע און אַקטיווע פינאַנס-ראַיאָנען אין פוילן" אין „קוואַרטאַלניק סטאַטיסטיטשני" 1929) און ווי מיר זאָלן זיך ניט באַציען צו די פאַרשיידענע מעטאָדן און אופנים פון קאָנסטרואירן די צוקונפטיקע פינאַנס-פּאָליטיק פאַר די באַזונדערע געגנטן און ראַיאָנען, דאַרפן מיר פעסטשטעלן, אַז דער ווילנער ראַיאָן וועט תמיד בלייבן אַן אָביעקט פון כסדרדיקע און גרעסערע דעפיציטן אין מלוכה-אוצר צוליב דער ספּעציפישער לאַגע פון דער דאָזיקער געגנט אין עקאָנאָמישן און קולטורעלן זין, ווי ס'איז צו זען פון דער ווייטערדיקער טאַבעלע.

טאַבעלע 31.

אַקטיווע און פּאַסיווע פינאַנס-ראַיאָנען אין פוילן.

1926 יאָר

| פינאַנס-ראַיאָן | עודף (אין טויזנטער זלאָטעס) — אַקטיוו | עודף (אין טויזנטער זלאָטעס) — פּאַסיוו | אויף איין איינוואוינער (אין זלאָטעס) — הוצאות | אויף איין איינוואוינער (אין זלאָטעס) — הכנסות | אויף איין איינוואוינער (אין זלאָטעס) — עודף — אַקטיוו | אויף איין איינוואוינער (אין זלאָטעס) — עודף — פּאַסיוו |
|---|---|---|---|---|---|---|
| פּויזן . . . | 33.162 | — | 114,03 | 130,72 | 16,64 | — |
| וואַרשע . . | 106.613 | — | 114,93 | 149,47 | 34,54 | — |
| לאָדז . . . | 109.454 | — | 42,77 | 90,75 | 47,98 | — |
| לובלין . . | 2.616 | — | 44,51 | 45,75 | 1,24 | — |
| לעמבערג . . | — | 68.059 | 63,42 | 51,19 | — | 12,23 |
| קראָקע . . | — | 70.846 | 104,62 | 69,51 | — | 35,11 |
| ווילנע . . | — | 45.900 | 84,82 | 37,96 | — | 46,86 |
| נאָוואָגרודאָק . | — | 18.763 | 46,34 | 23,86 | — | 22,48 |

## 13. קאָנסומציע.

די קאָנסומציע פון פאַרשיידענע דערנערונגס-אַרטיקלען דורך דער באַפעלקערונג אין די מזרח-וואָיעוואָדסטוועס איז זייער אַ נידעריקע און איז פאַרהעלטניסמעסיק קליין ווי אין אַלע איבעריקע געגנטן אין פוילן, וואָס באַווייזט אויף דער אָרעמקייט פון די איינוואוינער (אין גאַנץ פוילן איז אין יאָר 1927 קאָנסומירט געוואָרן 317.799 טאָן צוקער און אין יאָר 1928 — 357.051 טאָן). אַזוי, למשל, האָט די קאָנסומציע פון צוקער באַטראָפן אין די יאָרן 1927–1928:

טאַבעלע 32.

קאָנסומציע פון צוקער.

אויף אַן איינוואוינער (אין קילאָגראַם)

| | 1927 | 1928 |
|---|---|---|
| אין פוילן . . | 10,59 | 11,54 |
| צענטראַלע וואָיעוו. | 12,26 | 13,06 |
| מזרח- „ | 5,31 | 6,06 |
| מערב- „ | 15,72 | 17,73 |
| דרום- „ | 8,60 | 9,45 |

פון די דאָזיקע דאַטן זעען מיר, אַז אין די מזרח-קרעסן ווערט צוקער קאָנ-

סומירט אויף אַ העלפט ווייניקער, ווי דורכשניטלעך אין גאַנץ פוילן און צוויי מאָל ווייניקער, ווי אין פוזנער געגנט.

## 14. וועגן דער אָרעמקייט אין ווילנער געגנט.

די אָרעמקייט צווישן דער יידישער באַפעלקערונג אין ווילנער געגנט איז נאָך פאַר דער מלחמה געווען זייער גרויס. לויט די מאַטעריאַלן פון דער יק"א-אַנקעטע פאַרן יאָר 1898 האָבן בערך 18 פראָצ. פון יידישע משפחות גענאָסן פון געזעלשאַפטלעכע הילף, באַזונדערס פון קמחא דפסחא.

לויט די גובערניעס, שטעלט זיך דאָס פאַר ווי פאָלגענד: 1) אין קאַלישער, וואַרשעווער, שעדלעצער, לאָדזער, סובאַלקער האָט די דאָזיקע פאַרהעלטעניש באַטראָפן 14 פראָצ.; 2) אין טאַוורידער — 16 פראָצ.; 3) אין וויטעבסקער, מאָהילעווער, מינסקער, וואָלינער, טשערניגאָווער — 17 פראָצ.; 4) אין פּאָדאָליער, קיעווער, פּאָלטאַווער, יעקאַטערינאָסלאַווער — 20 פראָצ.; 5) אין קאָוונער, ווילנער, גראָדנער — 22 פראָצענט.

פון דעם איז אַלזאָ צו זען, אַז די אָרעמקייט ביי דער יידישער באַפעלקערונג איז אַמגרעסטן געווען אין ווילנער געגנט. די יידישע באַפעלקערונג האָט לויט די שטעט און שטעטלעך באַטראָפן 40 פראָצ פון דער אַלגעמיינער שטאָטישער באַפעלקערונג. דערפון איז צו דרינגען, אַז די יידישע אָרעמעלייט האָבן געבילדעט בערך 7 פראָצ. פון דער אַלגעמיינער שטאָטישער באַפעלקערונג. דער דאָזיקער פראָצענט פון די אָרעמע איז אומגעהויער הויך און געפינט ניט קיין פאַרגלייך אין קיין שום לאַנד.

אין די יאָרן 1926—1930 האָט זיך די אָרעמקייט אין ווילנע און געגנט נאָך מער פאַרגרעסערט. אין יאָר 1930 האָבן זיך אין ווילנע געווענדעט נאָך פּסח-הילף אַ דריטל פון דער יידישע באַפעלקערונג.

פון דעם ביז-איצט געזאָגטן קען מען זען, ווי קליין ס'איז די עקסיסטענץ-באַזע פון דער יידישער טעטיקער באַפעלקערונג אין ווילנער געגנט נאָך דער מלחמה.

זייענדיק פולשטענדיק צוזאַמענגעבראָכן צוליב דער שווערער וועלט-מלחמה און דעם שפּעטערדיקן קריג צווישן פוילן און רוסלאַנד, איז דער יידישער ווירטשאַפטלעכער אָרגאַניזם ניט בכח געווען אין משך פון אַ קורצער צייט צוצופּאַסן זיך צו די ניי-געשאַפענע באַדינגונגען. די ווילנער געגנט, וועלכע איז פאַר דער מלחמה געווען שטאַרק צוזאַמענגעבונדן און ווירטשאַפטלעך אָפּהענגיק פון רוסלאַנד און אירע מערק, האָבן ניט געקענט אַזוי לייכט אַריינפּאַסן זיך אין דעם נייעם מלוכהשן אָרגאַניזם, וועלכער האָט אויך נאָך ניט באַוויזן צו פאַראייניהייטלעכן אין צענטראַלן מאַסשטאַב זיין ווירטשאַפטס-באַזע.

הוץ די סטרוקטורעלע מניעות פון ווילנער געגנט, וועלכע איז אָפּגעריסן געוואָרן פון אַן אָרגאַניזם, צו וועלכן זי איז געווען צוגעוואַקסן אַ גאַנצן יאָרהונדערט, האָבן אויך דאָ געווירקט סיבות פון צופעליקן כאַראַקטער, ווי די קאָניוקטור, ווירטשאַפטלעכע דעפּרעסיעס אין לאַנד, און באַזונדערס — די נאַטור-קאַטאַסטראָפעס — די הונגער-יאָרן און אומגערעטעניש אין עטלעכע פּאָוויאַטן פון ווילנער געגנט*), און צום סוף די פּאָליטישע פאַרהעלטענישן פון דער דאָזיקער געגנט.

און ווען מיר וועלן נאָך נעמען אין אַכט די גרויסע אָרעמקייט פון דער ווילנער געגנט, דעם נידעריקן מצב פון לאַנדווירטשאַפט, די קליינע קאָנסומציע פון אינדוסטריעלע אַרטיקלען און אַפילו פּראָדוקטן פון ערשטן געברויך, — וועלן שוין פאַר אונז ווערן קלאָר און בולט די פאַרדינסט-מעגלעכקייטן פון דער יידישער באַפעלקערונג, וועלכע איז דאָך אָנגעוויזן אויף דעם עלעמענט, וואָס געפינט זיך שוין זינט פיל יאָרן אין אַ כסדרדיקער ווירטשאַפטלעכער דעפּרעסיע.

*) וועגן דעם ז. ווייסער די אַרטיקלען „אַנקעטעס און אויספאָרשונגען".

ר ע ד.

## ל י ט ע ר א ט ו ר

1. ROMER E. Spis ludności na terenach administrowanych przez Zarząd Cywilny Ziem Wschodnich. Grudzień 1919, W-wa 1923.

2. MALISZEWSKI E. Przewodnik po gubernji Wileńskiej. W-wa 1913.

3. STUDNICKI WŁ. Ziemia Wileńska. W-wa 1922.

4. STUDNICKI WŁ. Zarys Statystyczno-ekonomiczny ziem północno - wschodnich· W-wa 1922.

5. BRENSZTEJN. Spis ludności m. Wilna za okupacji niemieckiej (od 1 listopada 1915). Wilno 1919.

6. LUDNOŚĆ LITWY SRODKOWEJ. Miesięcznik statystyczny. Wyd. G. U. S. 1922.

7. LANDAU ŁUDWIK. Metody porównania spisów ludności z 1897 i 1921 r. dla województw wschodnich. Kwartalnik statystyczny, tom III zeszyt I, 1926.

8. J. PIEKAŁKIEWICZ i S. RUTKOWSKI. Okręgi gospodarcze Polski. Kwartalnik Statystyczny, tom IV zeszyt 4, 1928 r.

9 MATERJAŁY KOMISJI do usprawnienia administracji państwowej przy Prez. Rady Ministrów. W-wa 1929.

10. ROCZNIK STATYSTYCZNY za rok 1924, 1925, 1926, 1927, 1928, 1929.

11. ROCZNIK MINISTERSTWA SKARBU za rok 1924 i 1925.

12. Dr. F. ROSINSKI. O biernych i czynnych okręgach finansowych Polski. Kwartalnik Statystyczny, tom VI zeszyt 4, 1929.

13. POWSZECHNY SPIS LUDNOŚCI POLSKI z dnia 30.9.1921 r. Stosunki zawodowe. Wyd. Gł. Urzędu Statystycznego, 1926.

14. WIELKA WŁASNOŚĆ ROLNA. Spis Lud. z 30.9.1921 r. wyd. G. U. S. 1927.

15. JAN CZEKANOWSKI: Stosunki narodowościowo-wyznaniowe na Litwie i Rusi— Lwów 1918.

16. SBORNIK MATERJAŁOW ob ekonomiszeskom położenji jewrejew w Rosji. Peterburg. 1904.

17. PERWAJA SELSKO-CHOZJAJSKAJA i KUSTARNO-PROMISŁ. WYSTAWKA. Profesor A. A. Rybnikof, Melkaja promiszlennost Rosji. Moskwa 1923 r.

18. WASIUTYŃSKI BOHDAN. Ludność żydowska w Królewstwie Polskim „Ekonomista", tom II kwartał 2, 1911 r.

19. AD. J. COHN. Stosunki ekonomiczne Żydów w Państwie Rosyjskim. W-wa 1904.

20. Statystyka akcji wymiarowej i poborowej podatków bezpośrednich i opłat stemplowych za rok 1925, 1926, 1927 i 1928 Wyd. Ministerstwa Skarbu.

21. Dane Ministerstwa Przemysłu i Handlu o rzemieślnikach w Polsce.

22. Prof. LUDWIK KRZYWICKI: Rozbiór krytyczny wyników spisu z dnia 30.9.1921 r. Warszawa, G. U. S. 1922.

23. Prof. ZDZISŁAW LUDKIEWICZ: Zagadnienia programu agrarnego a emigracja. Warszawa, 1929.

24. יעקב לעשטשינסקי. חורבן ווילנע. „ווירטשאַפט און לעבן", בערלין 1928 (נומ' 2, 3) און 1929 (נומ' 1).

25. מאַנוסקריפּט-מאַטעריאַלן איבער יסוד פון די ידיעות אין מלוכהשן הויפּט-סטאַטיסטישן אַמט אין וואַרשע.



# פינאַנסיעלע באַריכטן

## פון יידישן געגנט - קאָמיטעט „יעקאָפּאָ“ אין ווילנע

### פאַר די צייט פון 16 פעברואַר 1919 ביז 1 אַפּריל 1930.

צוליב די פאַרשיידענע וואַלוטעס און די בכּדרדיקע אומגעהויערע וואַקלענישן פון די וואַלוטעס פאַר די יאָרן פון 1919 ביז מאַי 1924 זיינען די סומעס פאַר די יאָרן 1919—1923 איבערגערעכנט לויט א דורכשניטלעכן קורס אין דאָלאַרן און זיינען נאָר בערך ריכטיק. זיי פאַלן דעריבער אויך ניט אומעטום צונויף מיט די וואַלאָריזירטע אין אַנדערע טערמינען סומעס, וועלכע ווערן געבראַכט אין די איבעריקע טיילן פון פנקס פאַר דיזעלבע יאָרן און באַטרעפנדיקע פּאָזיציעס, וואו די געלטער זיינען גענויער ספּעציאַליזירט און אַרויסגענומען פון די קאָנטעס היימלאָזע-הילף, אויפבויאונג פון חרוב-געוואָרענע פון דער מלחמה הייזער, געזעלשאַפטלעכע בנינים א. א., וואָס האָבן א שייכות איינע צו די אַנדערע. צוליב דעם זעלבן טעם איז אין די באַריכטן פאַר די יאָרן 1919—1924 אָנגעגעבן נאָר די הוצאה.

ערשט פון יאָר 1925 און ווייטער, ווען די פּוילישע וואַלוטע איז סטאַביליזירט געוואָרן אין זלאָטעס, איז געוואָרן מעגלעך צו ברענגען די פולע קאַסע-באַריכטן אין דער פּוילישער וואַלוטע און הן אין דער הכנסה והן אין דער הוצאה. ר ע ד.

## 1. יאָר 1919

| הוצאה | דאָלאַרן |
|---|---|
| 1. הילף פאַר די שטעטלעך פון פּראָווינץ (געגנט-הילף) . . . | 52.100 |
| 2. פאַרשיידענע אויפטראָגן פון ד. ד. ק. . | 23.000 |
| 3. דער ווילנער קהילה . . . . . . | 14.000 |
| 4. געז. „אָרט“ אין ווילנע . . . . . | 7.500 |
| 5. געז. „אָזע“ אין ווילנע . . . . . | 3.500 |
| 6. געז. קינדער-פאַרזאָרגונג אין ווילנע . | 500 |
| 7. פּראָדוציר-קאָאָפּעראַטיוון אין ווילנע . | 2.000 |
| 8. קאָאָפּ. „אַרבעטער“ אין ווילנע . . . . | 550 |
| 9. קיך פון האַנדלס-אָנגעשטעלטע אין ווילנע | 150 |
| 10. היימלאָזע-הילף . . . . . . . | 6.500 |
| 11. שיך און קליידער . . . . . . | 6.200 |
| 12. הלוואות . . . . . . . | 5.500 |
| 13. אַמעריקאַנער אָנווייזונגען . . . . | 5.500 |
| 14. יורידישע הילף . . . . . . | 1.200 |
| 15. לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעט . . . | 1.000 |
| 16. ביכער פאַר שולן און ביבליאָטעקן . . | 700 |
| 17. אינדיווידועלע הילף . . . . . . | 700 |
| 18. אַרבעטסלאָזע . . . . . . . | 600 |
| 19. שול-קינדער אויף פסח . . . . . . | 200 |
| 20. אָרגאַניזאַציאָנעלע און פאַרשיידענע הוצאות, פערסאָנאַל און באַפּולמעכטיקטע . . | 8.500 |
| 21. ערשטע קאָנפערענץ . . . . . . | 400 |
| בסך-הכל . | 140.300 |

## 2. יאָר 1920

| הוצאה | דאָלאַרן |
|---|---|
| 1. הילף פאַר די שטעטלעך פון פּראָווינץ (געגנט-הילף) . . | 93.600 |
| 2. פאַרשיידענע אויפטראָגן פון ד. ד. ק. . | 15.400 |
| 3. שטיצע פאַרשיידענע קולטורעלע אַנשטאַלטן | 1.500 |
| 4. היימלאָזע-הילף . . . . . . . | 9.650 |
| 5. מעדיצינישע הילף . . . . . . | 6.900 |
| 6. שיך און קליידער . . . . . . | 3.200 |
| 7. הלוואות . . . . . . . . | 21.700 |
| 8. אַמעריקאַנער אָנווייזונגען . . . . . | 264.500 |
| 9. טשעקן אויף אינקאַסאָ . . . . . | 27.300 |
| 10. לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעט . . . | 3.900 |
| 11. ביכער פאַר שולן און ביבליאָטעקן (ביכער-לאַגער) . . | 14.500 |
| 12. צענטראַלער יתומים-אינטערנאַט . . | 5.600 |
| 13. פּעדאַגאָגישע קורסן . . . . . | 3.250 |
| 14. האַנטווערקעריי און פּראָפעסיאָנעלע שולן | 1.800 |
| 15. קאָאָפּעראַטיווע קורסן . . . . . . | 460 |
| 16. פרעבל- און שפּיל-פלעגער-קורסן . . | 160 |
| 17. זומער-קאָלאָניעס . . . . . . . | 2.000 |
| 18. פאַרשיידענע אויפטראָגן פון דעלעגאַט פון ווילנער רעליעף אין אַמעריקע צ. בירזש | 800 |
| 19. גראָדנער רעליעף . . . . . . . | 400 |
| 20. לאָנדאָנער קאָמיטעט . . . . . . | 150 |
| 21. אָרגאַניזאַציאָנעלע און פאַרשיידענע הוצאות, פערסאָנאַל און באַפּולמעכטיקטע . . | 11.000 |
| בסך-הכל . | 487.770 |

## 3. יאָר 1921

| הוצאה | דאָלאַרן |
|---|---|
| 1. הילף פאַר די שטעטלעך פון פּראָווינץ (געגנט-הילף) . . . | 14.200 |
| 2. שטיצע פאַרשיידענע קולטורעלע אַנשטאַלטן | 1.800 |
| 3. היימלאָזע-הילף . . . . . . . | 9.800 |
| 4. מעדיצינישע הילף . . . . . . | 3.500 |
| 5. פּראָדוקטיווע הילף . . . . . . | 3.500 |
| 6. יתומים-פאַרזאָרגונג . . . . . . | 4.400 |
| 7. שיך און קליידער . . . . . . | 1.200 |
| 8. הלוואות . . . . . . . . | 1.700 |
| 9. אַמעריקאַנער אָנווייזונגען . . . . . | 160.000 |
| 10. טשעקן אויף אינקאַסאָ . . . . . . | 3.100 |
| 11. ביכער פאַר שולן און ביבליאָטעקן . . | 7.000 |
| טראַנספּאָרט . | 210.200 |
| 12. אויפבויאונגס-אַקציע: טראַנספּאָרט . | 210.200 |
| הלוואות אויף אויפבויאונג פון דער געז. יק"אַ — 10.300; ברעטער, גלאָז און טשוועקעס — — — — 2.100 | 12.400 |
| 13. הלוואות היימלאָזע פון ד. ד. ק. . . . . | 1.300 |
| 14. „ „ „ לאָנדאָנער קאָמיטעט | 3.800 |
| 15. עמיגראַציע-אָפּטיילונג . . . . . . | 2.700 |
| 16. יורידישע הילף . . . . . . | 400 |
| 17. נאַציאָנאַל-ראַט . . . . . . | 2.000 |
| 18. פאַרשיידענע אויפטראָגן פון דעלעגאַט צ. בירזש . | 1.200 |
| 19. גראָדנער רעליעף . . . . . . . | 1.000 |
| 20. ווילנער רעליעף . . . . . . . | 30.838,50 |
| 21. אָרגאַניזאַציאָנעלע און פאַרשיידענע הוצאות | 7.400 |
| בסך-הכל . | 273.238,50 |

## 4. יאָר 1922

| הוצאה | דאָלאַרן | דאָלאַרן |
|---|---|---|
| 1. אויפבויאונגס־אַקציע: | | |
| הלואות „ אויף אויפבויאונג פון דער געז. יק״א . . | 25.550 | |
| הלואות אויף אויפבויאונג פון ד. ד. ק. . | 17.850 | |
| הלואות אויף אויפבויאונג פון ד. ד. ק. קאָנסטרוקטיווער פאָנד . | 17.000 | |
| הלואות אויף אויפבויאונג פון לאָנ־דאָנער קאָמיטעט . . | 500 | |
| געזעלשאַפטלעכע בנינים . . . | 11.500 | |
| פאַרשיידענע . . . . . . | 2.250 | |
| ברעטער . . . . . . . | 650 | 75.300 |
| 2. היימלאָזע־הילף: | | |
| שטיצע היימלאָזע . . . . . | 18.100 | |
| הלואות היימלאָזע פון ד. ד. ק. . . | 5.500 | |
| הלואות היימלאָזע פון אייגענעם פאָנד. | 700 | |
| הלואות היימלאָזע עמיגראַנטן פון ד. ד. ק | 300 | |
| מעבל פאַר היימלאָזע . . . . . | 2.400 | |
| האָלץ פאַר היימלאָזע . . . . | 500 | |
| שטיצע היימלאָזע פון לאָנדאָנער קאָמיטעט . . | 500 | |
| הלואות היימלאָזע פון לאָנדאָנער קאָמיטעט . . | 3.700 | 31.700 |
| 3. יתומים־פאַרזאָרגונג: | | |
| אָראָפּסירטע יתומים אין אינטערנאַטן און פריוואַט . . | 11.050 | |
| באַקליידונג פאַר אָראָפּסירטע יתומים . | 700 | 11.750 |
| 4. פאַרזאָרגונג פון קינדער־רעעמיגראַנטן: | | |
| אינטערנאַט אין סמאָרגאָן . . . . | | 1.000 |
| 5. מעדיצינישע הילף . . . . | | 1.150 |
| 6. פּראָדוקטיווע הילף . . . . | | 500 |
| 7. יורידישע הילף . . . . | | 500 |
| 8. קולטורעלע הילף . . . | | 100 |
| 9. קולטורעלע הילף פון לאָנ־דאָנער קאָמיטעט . | | 250 |
| 10. ביכער פאַר שולן און ביבליאָטעקן | | 5.400 |
| 11. עמיגראַציע־אָפּטיילונג . . . | | 4.350 |
| 12. רעליעף־געלטער . . . . | | 2.100 |
| 13. אָרגאַניז. און פאַרש. הוצאות . | | 3.750 |
| בסך־הכל . . | | 137.850 |

## 5. יאָר 1923

| הוצאה | דאָלאַרן | דאָלאַרן |
|---|---|---|
| 1. אויפבויאונגס־אַקציע: | | |
| הלואות אויף אויפבויאונג פון דער געז. יק״א . . | 3.190 | |
| הלואות אויף אויפבויאונג פון ד. ד. ק. | 1.460 | |
| הלואות אויף אויפבויאונג פון ד. ד. ק., קאָנסטרוקטיווער פאָנד . . | 15.445 | |
| געזעלשאַפטלעכע בנינים . . . . | 8.645 | |
| צוריקגעצאָלט דער געז. יק״א די אומגעקערטע הלואות . . | 1.128 | |
| צוריקגעצאָלט דעם ד. ד. ק. די אומ־געקערטע הלואות . . | 925 | 30.793 |
| 2. היימלאָזע־הילף: | | |
| קיך פאַר היימלאָזע, תמיכה, דערנע־רונג, מעדיצינישע הילף, אינטערנאַט אין סמאָרגאָן און אַנדערע פון ד. ד. ק. . | 12.687 | |
| פאַרשיידענע שטיצע פון לאָנדאָנער קאָמיטעט . . | 128 | |
| הלואות היימלאָזע פון לאָנדאָנער קאָמיטעט | 66 | |
| הלואות היימלאָזע פון ד. ד. ק. . . | 428 | |
| הלואות היימלאָזע פון אייגענעם פאָנד . | 22 | |
| הלואות היימלאָזע אויף מעבל פון ד. ד. ק. | 58 | |
| צוריקגעצאָלט דעם ד. ד. ק. די אומ־געקערטע הלואות . . | 279 | 13.668 |
| 3. יתומים־פאַרזאָרגונג: | | |
| אָראָפּסירטע יתומים אין אינטערנאַטן און פריוואַט . . | 19.048 | |
| זומער־קאָלאָניעס פאַר אָראָפּסירטע יתומים . . | 598 | |
| באַקליידונג פאַר אָראָפּסירטע יתומים . | 3.070 | 22.716 |
| 4. פאַרזאָרגונג פון קינדער־רעעמיגראַנטן: | | |
| ווידז, קרעווע, אינטע־נאַט אין סמאָרגאָן | | 2.918 |
| 5. רעעוואַקואַציע: | | |
| פון ד. ד. ק. . . . . . . | 1.563 | |
| פון דער געז. יק״א . . . . . | 254 | 1.817 |
| 6. יורידישע הילף . . . . . | | 689 |
| 7. ביכער פאַר שולן און ביבליאָטעקן | | 6.843 |
| 8. עמיגראַציע־אָפּטיילונג . . . | | 2.012 |
| 9. אָרגאַניז. און פאַרש. הוצאות . | | 1 652 |
| בסך־הכל . . | | 83.118 |

## 6. יאָר 1924

| הוצאה | זלאָטעס | | זלאָטעס | |
|---|---|---|---|---|
| 1. אויפבויאונגס־אַקציע: | | | | |
| הלואות אויף אויפבויאונג פון דער געז. יק״א אין זלאָטעס . . | 9.375 | — | | |
| הלואות אויף אויפבויאונג פון דער געז. יק״א אין דאָלאַרן (16.190) | 84.192 | 94 | | |
| הלואות אויף אויפבויאונג פון ד. ד. ק. קאָנסטרוקטיווער פאָנד . | 14.744 | 32 | | |
| געזעלשאַפטלעכע בנינים . . . | 2.532 | 29 | | |
| צוריקגעצאָלט דער געז. יק״א די אומגעקערטע הלואות אין זלאָטעס (1.931.15 + 5.334) . . | 7.265 | 15 | | |
| צוריקגעצאָלט דעם ד. ד. ק. די אומגעקערטע הלואות פון היימלאָזע | 1.008 | 11 | 119.117 | 81 |
| 2. היימלאָזע־הילף . . . . | | | 27.782 | 72 |
| 3. יתומים־פאַרזאָרגונג: | | | | |
| אָראָפּסירטע יתומים אין אינטער־נאַטן און פריוואַט . . | 121.608 | 98 | | |
| זומער־ און הייל־קאָלאָניעס פאַר אָראָפּסירטע יתומים . . | 10.659 | 58 | | |
| באַקליידונג פאַר אָראָפּסירטע יתומים | 12.656 | 75 | 144.925 | 31 |
| טראַנספּאָרט . | | | 291.825 | 84 |

| הוצאה | זלאָטעס | | זלאָטעס | |
|---|---|---|---|---|
| טראַנספּאָרט . | | | 291.825 | 84 |
| 4. פאַרזאָרגונג פון קינדער־רעעמיגראַנטן: | | | | |
| ווידז, אינטערנאַט אין סמאָרגאָן . | | | 10.930 | 08 |
| 5. יורידישע הילף . . . . | | | 6.343 | 87 |
| 6. ביכער פאַר שולן און ביבליאָטעקן . | | | 6.186 | 88 |
| 7. עמיגראַציע־אָפּטיילונג . . | | | 18.971 | 90 |
| 8. אָרגאַניזאַציאָנעלע און פאַר־שיידענע הוצאות, דרוק־זאַכן און אויסגאַבן, קאָנפערענץ | | | 46.365 | 14 |
| בסך־הכל . . | | | 380.623 | 71 |

## 7. קאַסע-באַריכט פאַרן יאָר 1925

### הכנסה

| | זלאָטעס | (גראָשן) | זלאָטעס | (גראָשן) |
|---|---|---|---|---|
| סאַלדאָ צום 1-טן יאַנואַר 1925 . | | | 7.886 | 34 |
| **יתומים-אַקציע:** | | | | |
| פון יתומים-פאַרבאַנד אין וואַרשע: | | | | |
| 1. מאָנאַטלעכע סובווענצן . . . . | 93.788 | 64 | | |
| 2. ליקווידאַציע-געלטער . . . . | 36.775 | 29 | | |
| 3. זומער-קאָלאָניעס . . . . . | 4.744 | 46 | | |
| 4. קליידונג . . . . . . . | 12.420 | 78 | | |
| פון פאַרשיידענע שטעטלעך „יתומים-וואָך" און אַנד. . . . . | 7.165 | 41 | 154.894 | 58 |
| **רעטונגס-אַקציע:** | | | | |
| סובווענצן פון ד. ה. ק. . . . . . | | | 20.420 | 96 |
| **הילפס-פאָנד פאַר נשרפים:** | | | | |
| פון פאַרשיידענע שטעטלעך . . . | | | 1.304 | 70 |
| **אויפבויאונגס-אַקציע:** | | | | |
| דערהאַלטן אויף אויפבוי פון יק"אַ . 7.508.90 | | | | |
| באַקומען צוריקגעצאָלט פון די בונים . 20.687.57 | | | 28.196 | 47 |
| **פאַרשיידענע הכנסות** . . . . | | | 25.172 | 25 |
| **איבערגאַנגס-סומען** . . . . . | | | 14.041 | 90 |
| בסך-הכל . . . | | | 251.917 | 20 |

### הוצאה

| | זלאָטעס | (גראָשן) | זלאָטעס | (גראָשן) |
|---|---|---|---|---|
| **יתומים-אַקציע:** | | | | |
| 1. אַלגעמיינע שטיצע (יתומים-הייזער, יתומים-קאָמיטעטן, אינדיווידועלע און מעדיצינישע הילף) . . . . | 76.301 | 99 | | |
| 2. פאַך - אויסבילדונג (אויסהאַלטונג, דירה און שכר-לימוד) . . . | 59.293 | 92 | | |
| 3. זומער-קאָלאָניעס . . . . . | 4.744 | 46 | | |
| 4. קליידונג . . . . . . . | 12.420 | 78 | | |
| 5. איבערגעשיקט דעם יתומים-פאַרבאַנד פון דער „יתומים-וואָך" . . | 2.409 | 75 | 155.170 | 90 |
| **רעטונגס-אַקציע:** | | | | |
| אַלגעמיינע שטיצע . . . . . . | | | 5.910 | 10 |
| **הילפס-פאָנד פאַר נשרפים** . . | | | 1.257 | 85 |
| **אויפבויאונגס-אַקציע:** | | | | |
| אַרויסגעגעבן נייע הלואות פאַר בונים . 22.340.94 | | | | |
| אומגעקערט יק"אַ . . . 8.655.43 | | | 30.996 | 37 |
| **אַדמיניסטראַטיווע הוצאות,** | | | | |
| **דרוקזאַכן א. א.** . | | | 37.860 | 59 |
| סאַלדאָ צום 1-טן יאַנואַר 1926 . . | | | 20.721 | 39 |
| בסך-הכל . . . | | | 251.917 | 20 |

## 8. קאַסע-באַריכט פאַרן יאָר 1926

### הכנסה

| | זלאָטעס | (גראָשן) | זלאָטעס | (גראָשן) |
|---|---|---|---|---|
| סאַלדאָ צום 1-טן יאַנואַר 1926 . . | | | 20.721 | 39 |
| **יתומים-אַקציע:** | | | | |
| פון יתומים-פאַרבאַנד אין וואַרשע: | | | | |
| 1. מאָנאַטלעכע סובווענצן . . . . | 335.056 | 22 | | |
| 2. זומער-קאָלאָניעס . . . . . | 7.690 | — | | |
| 3. קליידונג . . . . . . . | 20.609 | 10 | | |
| פון פאַרשיידענע שטעטלעך: „יתומים-וואָך" און אַנדערע . . . | 4.302 | 71 | 367.658 | 03 |
| **רעטונגס-אַקציע:** | | | | |
| סובווענצן פון ד. ד. ק. . . . . . | | | 287.532 | 68 |
| **אויפבויאונגס-אַקציע:** | | | | |
| באַקומען צוריקגעצאָלט פון די בונים . | | | 18.342 | 68 |
| **פאַרשיידענע הכנסות** . . . . | | | 17.986 | 74 |
| **איבערגאַנגס-סומען** . . . . . | | | 15.613 | 69 |
| בסך-הכל . . . | | | 727.855 | 41 |

### הוצאה

| | זלאָטעס | (גראָשן) | זלאָטעס | (גראָשן) |
|---|---|---|---|---|
| **יתומים-אַקציע:** | | | | |
| 1. אַלגעמיינע שטיצע (יתומים-הייזער, יתומים-קאָמיטעטן, אינדיווידועלע און מעדיצינישע הילף) . . . . | 243.068 | 16 | | |
| 2. פאַך - אויסבילדונג (אויסהאַלטונג, דירה און שכר-לימוד) . . . . | 88.887 | 59 | | |
| 3. זומער-קאָלאָניעס . . . . . | 7.690 | — | | |
| 4. קליידונג . . . . . . . . | 19.311 | 81 | | |
| 5. איבערגעשיקט דעם יתומים-פאַרבאַנד פון דער „יתומים-וואָך" . . | 1.331 | 46 | 360.289 | 02 |
| **רעטונגס-אַקציע:** | | | | |
| 1. שטיצע אויף פסח . . . . . | 8.580 | 33 | | |
| 2. גמילות-חסדים-קאַסעס . . . . | 137.500 | — | | |
| 3. קינדער-באַשפּייזונג . . . . . | 16.343 | 05 | | |
| 4. אינסטיטוציעס . . . . . . | 75.588 | 91 | | |
| 5. רעמאָנטן און געזעלשאַפטלעכע אַרבעטן . . . . . . . | 18.340 | — | | |
| 6. אַלגעמיינע שטיצע . . . . . | 46.465 | 70 | 302.817 | 99 |
| **אויפבויאונגס-אַקציע:** | | | | |
| אַרויסגעגעבן נייע הלואות פאַר בונים . 8.517.68 | | | | |
| אומגעקערט יק"אַ . . . 11.319.39 | | | 19.837 | 07 |
| **אַדמיניסטראַטיווע הוצאות** . . | | | 36.674 | 15 |
| סאַלדאָ צום 1-טן יאַנואַר 1927 . . | | | 8.237 | 18 |
| בסך-הכל . . . | | | 727.855 | 41 |

## 9. קאַסע-באַריכט פאַר דער צייט פון 1-טן יאַנואַר 1927 ביז 1-טן אַפּריל 1928

### הכנסה

| | זלאָטעס | | זלאָטעס | |
|---|---|---|---|---|
| סאַלדאָ צום 1-טן יאַנואַר 1927 . | | | 8.237 | 18 |
| **יתומים-אַקציע:** | | | | |
| פון יתומים-פאַרבאַנד אין וואַרשע: | | | | |
| 1. מאָנאַטלעכע סובווענצן . . . . | 307.072 | 48 | | |
| 2. זומער-קאָלאָניעס . . . . . . | 7.350 | 75 | | |
| 3. באַקליידונג . . . . . . . | 3.900 | — | | |
| פון סוּוענציאַנער פּאָוויאַטאָוון סיימיק | 1.500 | — | | |
| פון פאַרשיידענע שטעטלעך: | | | | |
| „יתומים-וואָך“ . . . . 4.691.83 | | | | |
| רעזערווירטע . . . . 15.278.75 | 19.970 | 58 | 339.793 | 81 |
| **רעטונגס-אַקציע:** | | | | |
| סובווענצן פון ד. ה. ק. . . . . . | 103.304 | 25 | | |
| צוריקגעקערטע הלוואות . . . . . | 4.988 | 10 | 108.292 | 35 |
| **אויפבויאונגס-אַקציע:** | | | | |
| באַקומען צוריקגעצאָלט פון די בונים . | | | 18.663 | 73 |
| **פאַרשיידענע הכנסות:** | | | | |
| סובווענצן פון ד. ד. ק. . . . . . | 25.247 | — | | |
| „ „ יק"א . . . . . . | 3.094 | 44 | | |
| מיטגלידס-אָפּצאָל . . . . . . | 1.225 | — | | |
| אַנדערע . . . . . . . . . | 12.032 | 83 | 41.599 | 27 |
| **בסך-הכל . . . .** | | | 516.586 | 34 |

### הוצאה

| | זלאָטעס | | זלאָטעס | |
|---|---|---|---|---|
| **יתומים-אַקציע:** | | | | |
| 1. אַלגעמיינע שטיצע (יתומים-הייזער, יתומים-קאָמיטעטן, אינדיווידועלע און מעדיצינישע הילף) . . . . | 187.472 | 05 | | |
| 2. פאַך - אויסבילדונג (אויסהאַלטונג, דירה און שכר-לימוד) . . . . | 98.711 | 34 | | |
| 3. זומער-קאָלאָניעס . . . . . . | 7.350 | 75 | | |
| 4. באַקליידונג . . . . . . . | 5.686 | 29 | | |
| 5. איבערגעשיקט דעם יתומים-פאַרבאַנד פון דער „יתומים-וואָך“ . . | 2.128 | 10 | 301.348 | 53 |
| **רעטונגס-אַקציע:** | | | | |
| 1. גמילות-חסדים-קאַסעס . . . . | 53.500 | — | | |
| 2. קינדער-באַשפּייזונג . . . . . | 11.377 | 91 | | |
| 3. אַלגעמיינע שטיצע . . . . . | 10.487 | 45 | | |
| 4. אינסטיטוציעס . . . . . . | 9.319 | 29 | | |
| 5. בוכהאַלטערישע ביכער פאַר גמילות-חסדים-קאַסעס און אַנדערע . . . | 4.389 | 90 | 89.074 | 55 |
| **אויפבויאונגס-אַקציע:** | | | | |
| אומגעקערט יק"א . . . . . . | | | 23.255 | 13 |
| **אַדמיניסטראַטיווע הוצאות . .** | | | 55.305 | 40 |
| **איבערגאַנגס-סומען . . . . .** | | | 8.207 | 01 |
| סאַלדאָ צום 1-טן אַפּריל 1928 . . | | | 39.395 | 72 |
| **בסך-הכל . . . .** | | | 516.586 | 34 |

## 10. קאַסע-באַריכט פאַרן יאָר 1928/9 (פון 1/IV 1928 ביז 31/III 1929)

### הכנסה

| | זלאָטעס | | זלאָטעס | |
|---|---|---|---|---|
| סאַלדאָ צום 1-טן אַפּריל 1928 . . . | | | 39.395 | 72 |
| **יתומים-אַקציע:** | | | | |
| פון יתומים-פאַרבאַנד אין וואַרשע: | | | | |
| 1. מאָנאַטלעכע סובווענצן . . . . | 143.872 | 24 | | |
| 2. זומער-קאָלאָניעס . . . . . . | 3.600 | — | | |
| פון סוּוענציאַנער פּאָוויאַטאָוון סיימיק . | 750 | — | | |
| פון פאַרשיידענע שטעטלעך: | | | | |
| „יתומים-וואָך“, פאַנטן-לאָטעריי א. א. . | 6.233 | 99 | 154.456 | 23 |
| **רעטונגס-אַקציע:** | | | | |
| סובווענצן פון ד. ד. ק. . . . . . | | | 105.312 | 50 |
| **אויפבויאונגס-אַקציע:** | | | | |
| באַקומען צוריקגעצאָלט פון די בונים . | | | 9.952 | 58 |
| **פאַרשיידענע הכנסות:** | | | | |
| סובווענצן פון ד. ד. ק. . . . . . | 13.596 | 60 | | |
| „ „ יק"א . . . . . . | 6.217 | 50 | | |
| אַנדערע . . . . . . . . . | 5.270 | 82 | 25.084 | 92 |
| **איבערגאַנגס-סומען . . . . . .** | | | 9.735 | 11 |
| **בסך-הכל . . . .** | | | 343.937 | 06 |

### הוצאה

| | זלאָטעס | | זלאָטעס | |
|---|---|---|---|---|
| **יתומים-אַקציע:** | | | | |
| 1. אַלגעמיינע שטיצע (יתומים-הייזער, יתומים-קאָמיטעטן, אינדיווידועלע און מעדיצינישע הילף) . . . . | 89.412 | 13 | | |
| 2. פאַך - אויסבילדונג (אויסהאַלטונג, דירה און שכר-לימוד) . . . . | 38.724 | 45 | | |
| 3. זומער-קאָלאָניעס . . . . . . | 3.600 | — | | |
| 4. איבערגעשיקט דעם יתומים-פאַרבאַנד פון דער „יתומים-וואָך“ . . | 1.382 | 17 | 133.118 | 75 |
| **רעטונגס-אַקציע:** | | | | |
| 1. גמילות-חסדים-קאַסעס . . . . . | 24.800 | — | | |
| 2. קינדער-באַשפּייזונג . . . . . | 23.250 | 75 | | |
| 3. אַלגעמיינע שטיצע . . . . . | 23.961 | 70 | | |
| 4. בוכהאַלטערישע-ביכער פאַר גמילות-חסדים-קאַסעס און אַנדערע . . . | 5.177 | 20 | 77.189 | 65 |
| **אויפבויאונגס-אַקציע:** | | | | |
| אומגעקערט יק"א . . . . . . | | | 9.952 | 58 |
| **אַדמיניסטראַטיווע הוצאות,** | | | | |
| דרוקזאַכן . . . . . . . . . | | | 41.067 | 20 |
| סאַלדאָ צום 1-טן אַפּריל 1929 . . | | | 82.608 | 88 |
| **בסך-הכל . . . .** | | | 343.937 | 06 |

## .11 קאַסע־באַריכט פאַרן יאָר 1929/30 (פון 1/IV 1929 ביז 31/III 1930)

### הכנסה

| | זלאָטעס | | זלאָטעס | |
|---|---|---|---|---|
| סאַלדאָ צום 1־טן אַפּריל 1929 . | | | 82.608 | 88 |
| **יתומים־אַקציע:** | | | | |
| פון יתומים־פאַרבאַנד אין וואַרשע: | | | | |
| 1. מאָנאַטלעכע סובווענצן . . . . | 55.539 | 34 | | |
| 2. זומער־קאָלאָניעס . . . . . . | 2.400 | — | | |
| פון פאַרשיידענע שטעטלעך: | | | | |
| „יתומים־וואָך“ און אַנדערע . . . | 3.457 | 33 | 61.396 | 67 |
| **רעטונגס־אַקציע:** | | | | |
| סובווענצן פון ד. ה. ק. . . . . . | | | 123.120 | 40 |
| **אויפבויאונגס־אַקציע:** | | | | |
| באַקומען צוריקגעצאָלט פון די בונים . | | | 7.687 | 33 |
| **פאַרשיידענע הכנסות:** | | | | |
| סובווענצן פון ד. ה. ק. . . . . . | 5.580 | 95 | | |
| „ „ יק״אַ . . . . . . | 6.438 | — | | |
| מיטגלידס־אָפּצאָל . . . . . . | 2.961 | — | | |
| אַנדערע . . . . . . . . | 9.011 | 55 | 23.991 | 50 |
| **בסך־הכל** . . | | | 298.804 | 78 |

### הוצאה

| | זלאָטעס | | זלאָטעס | |
|---|---|---|---|---|
| **יתומים־אַקציע:** | | | | |
| 1. אַלגעמיינע שטיצע (יתומים־הייזער, יתומים־קאָמיטעטן, אינדיווידועלע און מעדיצינישע הילף) . . . | 14.386 | 35 | | |
| 2. פאַך־אויסבילדונג (אויסהאַלטונג, דירה און שכר־לימוד) . . . . | 27.868 | 93 | | |
| 3. זומער־קאָלאָניעס . . . . . . | 2.814 | 30 | 45.069 | 58 |
| **רעטונגס־אַקציע:** | | | | |
| 1. גמילות־חסדים־קאַסעס . . . . . | 61.135 | — | | |
| 2. קינדער־באַשפּייזונג . . . . . | 50.709 | 45 | | |
| 3. אַלגעמיינע שטיצע . . . . . | 5.861 | 76 | | |
| 4. אומגעקערט דעם ד. ה. ק. . . . | 1.668 | — | 119.374 | 21 |
| **אויפבויאונגס־אַקציע:** | | | | |
| אומגעקערט יק״אַ . . . . . . | | | 7.687 | 33 |
| **אַדמיניסטראַטיווע הוצאות,** | | | | |
| דרוקזאַכן . . . . | | | 33.916 | 55 |
| איבערגאַנגס־סומען . . . . . . | | | 7.645 | 68 |
| סאַלדאָ צום 1־טן אַפּריל 1930 . | | | 85.111 | 43 |
| **בסך־הכל** . . | | | 298.804 | 78 |

## באַמערקונגען.

1. אין די פינאַנסיעלע באַריכטן גייען אַריין נאָר די סומעס פון דער צענטראַלע, ד. ה. פון געגנט־קאָמיטעט „יעקאָפּאָ“ אין ווילנע, אָבער נ י ט פון זיינע אָרטיקע קאָמיטעטן, אַנשטאַלטן, אינסטיטוציעס, קאָמיסיעס און פאַרטרעטער.

2. דער ביכערלאַגער און די עמיגראַציע־אָפּטיילונג, וואָס זיינען שפּעטער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין באַזונדערע געזעלשאַפטן ביי „יעקאָפּאָ“, זיינען אויך בוכהאַלטעריש אויסגעטיילט געוואָרן — דער ערשטער אין יאָר 1925 און די צווייטע אין יאָר 1926 — און זייערע פינאַנסיעלע באַריכטן ווערן דאָ געבראַכט ווייטער, באַזונדער.

3. די הוצאות פון דער עמיגראַציע־אָפּטיילונג אין יאָר 1920 גייען אַריין אין דער רובריק היימלאָזע־הילף (באַריכט נומ׳ 2) און אין יאָר 1925 — אין די אַדמיניסטראַטיווע הוצאות פון קאַסעבאַריכט נומ׳ 7 פון „יעקאָפּאָ“ פאַרן זעלבן יאָר.

4. אין דער רובריק סאָציאַלע שטייערן גייען אַריין די באַטרעפנדע טיילן פון די אָפּצאָלונגען פאַר דער קראַנקן־קאַסע, „זופּ“ (פאַרזיכערונג פון גייסטיקע אַרבעטער) און הכנסה־שטייער פון די אָנגעשטעלטע.

5. פון יאָר 1928 איז לויט דער פאַראָרדענונג פון פּרעזידענט פון דער פּוילישער רעפּובליק דער ביודזשעט־יאָר פאַר וואוילטעטיקע געזעלשאַפטן פעסטגעשטעלט געוואָרן ניט פון 1־טן יאַנואַר, נאָר פון 1־טן אַפּריל ביז 1־טן אַפּריל און אַזוי דאַרף מען יעדן יאָר שליסן די בוכהאַלטערישע ביכער פון די דאָזיקע געזעלשאַפטן. צוליב דעם זיינען די באַריכטן נומ׳ 9, 10 און 11 פון „יעקאָפּאָ“ און נומ׳ 4 פון דער עמיגראַציע־אָפּטיילונג (פאַר די עמיגראַציע־געזעלשאַפטן איז די אויספירונג פון דער פאַראָרדענונג געקומען שפּעטער) געבראַכט אין די אָנגערופענע באַטרעפנדע טערמינען.

6. אין די איבערגאַנגס־סומעס פון די עמיגראַציע־באַריכטן גייען אַריין פאַרשיידענע געלטער און עד־לחשבון־סומעס פון עמיגראַנטן, וואַרשעווער „יעאַס“ און „יעקאָפּאָ“ אין ווילנע. די גרויסע איבערגאַנגס־סומעס אין יאָר 1930 דערקלערן זיך דערמיט, וואָס אין די ערשטע חדשים פון דעם יאָר איז איינגעלייגט געוואָרן דורך די עמיגראַנטן אויף אַ געוויסע צייט ווייזע־געלט אויף דרום־אַפריקע אין צוזאַמענהאַנג מיט די לעצטע גרויסע טראַנספּאָרטן ערב שליסן דאָס לאַנד.

7. די עמיגראַציע־אָפּטיילונג פון „יעקאָפּאָ“ ווערט פון יאָר 1925 אומעטום געמיינט אַלס ווילנער אָפּטיילונג פון דער צענטראַלער יידישער עמיגראַציע־געזעלשאַפט „יעאַס“ אין פּוילן (וואַרשע) פאַראייניקט מיט יק״אַ — היאַס — עמיגדירעקט („היקעם“ אין פּאַריז).

8. דער ביכערלאַגער פון „יעקאָפּאָ“ ווערט פון יאָר 1925 אומעטום געמיינט אַלס ביכערלאַגער און פאַרלאַג „ייקאָפּאָ“, קאָאָפּעראַטיוו מיט באַגרעניצטער אחריות. דערביי ניט „יעקאָפּאָ“ (Ekopo), נאָר „ייקאָפּאָ“ (Ikopo).

ר ע ד.

# קאַסע-באַריכטן פון ווילנער „יעאַס“

(ייִדישע עמיגראַציע-געזעלשאַפט; ווילנער אָפּטיילונג ביי „יעקאָפּאָ“).

## 1. יאָר 1926

### הכנסה

| | | זלאָטעס | |
|---|---|---|---|
| 1. | פון „יעאַס“ וואַרשע | 5.992 | 30 |
| 2. | אָפּצאָל פון עמיגראַנטן | 1.611 | 70 |
| 3. | פאַרשיידענע הכנסות | 733 | 05 |
| 4. | איינצאָלונגען פון עמיגראַנטן אויף שיפס-קאַרטעס און וויזעס | 8.758 | 34 |
| 5. | איבערגאַנגס-סומען | 6.942 | 26 |
| | בסך-הכל | 24.037 | 65 |

### הוצאה

| | | זלאָטעס | |
|---|---|---|---|
| 1. | שכירות | 9.047 | 02 |
| 2. | סאָציאַלע שטייערן | 698 | 60 |
| 3. | דירה-געלט, באַהייצונג, באַלייכטונג און לאָקאַל-שטייער | 1.539 | 79 |
| 4. | אַלגעמיינע הוצאות | 859 | 03 |
| 5. | פּאָסט און טעלעגראַף | 213 | 94 |
| 6. | שרייב-מאַטעריאַלן | 135 | 80 |
| 7. | שיפסקאַרטעס און וויזעס | 7.644 | 31 |
| 8. | איבערגאַנגס-סומען | 900 | — |
| 9. | רעשט-הוצאות פון די פריערדיקע יאָרן | 2.079 | 03 |
| 10. | סאַלדאָ צום 1-טן יאַנואַר 1927 | 920 | 13 |
| | בסך-הכל | 24.037 | 65 |

## 2. יאָר 1927

### הכנסה

| | | זלאָטעס | |
|---|---|---|---|
| 1. | סאַלדאָ צום 1-טן יאַנואַר 1927 | 920 | 13 |
| 2. | פון „יעאַס“ וואַרשע | 13.076 | — |
| 3. | פון געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ“ ווילנע | 200 | — |
| 4. | אָפּצאָל פון עמיגראַנטן | 3.478 | 65 |
| 5. | אומגעקערטע הוצאות | 421 | 96 |
| 6. | איינצאָלונגען פון עמיגראַנטן אויף שיפס-קאַרטעס און וויזעס | 36.170 | 28 |
| 7. | איבערגאַנגס-סומען | 4.692 | 08 |
| | בסך-הכל | 58.962 | 10 |

### הוצאה

| | | זלאָטעס | |
|---|---|---|---|
| 1. | שכירות | 10.842 | 25 |
| 2. | סאָציאַלע שטייערן | 854 | 20 |
| 3. | דירה-געלט, באַהייצונג און באַלייכטונג, לאָקאַל-שטייער | 2.372 | 66 |
| 4. | אַלגעמיינע הוצאות | 1.487 | 36 |
| 5. | פּאָסט, טעלעגראַף | 946 | 59 |
| 6. | שרייב-מאַטעריאַלן | 551 | — |
| 7. | שפּראַך-קורסן פאַר עמיגראַנטן | 177 | 40 |
| 8. | שיפסקאַרטעס און וויזעס | 35.226 | 95 |
| 9. | איבערגאַנגס-סומען | 3.350 | — |
| 10. | סאַלדאָ צום 1-טן יאַנואַר 1928 | 3.153 | 69 |
| | בסך-הכל | 58.962 | 10 |

## 3. יאָר 1928

### הכנסה

| | | זלאָטעס |
|---|---|---|
| 1. סאַלדאָ צום 1-טן יאַנואַר 1928 . . . | 69 | 3.153 |
| 2. פון „יעאַס" וואַרשע . . . . . . | 25 | 12.933 |
| 3. פון ווילנער מאַגיסטראַט . . . . . | — | 200 |
| 4. פון געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאַ" ווילנע . | — | 3.!15 |
| 5. אָפּצאָל פון עמיגראַנטן . . . . . . | 86 | 2.354 |
| 6. פאַרשיידענע הכנסות און אומגעקערטע הוצאות . . . . . . . . | 05 | 756 |
| 7. פון „יעאַס", וואַרשע, אויף שפּראַך-קורסן | 60 | 1.333 |
| 8. איינצאָלונגען פון עמיגראַנטן: א) אויף שיפסקאַרטעס . . . 66.979.73; ב) אויף וויזעס . . . . . 7.575.37 | 10 | 74.555 |
| 9. איבערגאַנגס-סומען . . . . . . . | 56 | 29.45? |
| בסך-הכל . | 11 | 127.852 |

### הוצאה

| | | זלאָטעס |
|---|---|---|
| 1. שכירות . . . . . . . . . . | 50 | 12.121 |
| 2. סאָציאַלע שטייערן . . . . . . . | 15 | 2.026 |
| 3. דירה-געלט, באַהייצונג און באַלייכטונג . | 23 | 1.912 |
| 4. אַלגעמיינע הוצאות . . . . . . . | 64 | 864 |
| 5. פּאָסט, טעלעגראַף . . . . . . . | 93 | 1.219 |
| 6. שרייב-מאַטעריאַלן . . . . . . . | 60 | 225 |
| 7. שפּראַך-קורסן פאַר עמיגראַנטן . . . | 60 | 1.145 |
| 8. שיפסקאַרטעס און וויזעס: א) שיפסקאַרטעס . . . . 65.871.93; ב) וויזעס . . . . . . 7.265.84 | 77 | 73.137 |
| 9. איבערגאַנגס-סומען . . . . . . . | 52 | 31.962 |
| 10. סאַלדאָ צו 1-טן יאַנואַר 1929 . . . | 12 | 3.236 |
| בסך-הכל . | 11 | 127.852 |

## 4. פון 1-טן יאַנואַר 1929 ביז 1-טן אַפּריל 1930 (15 חדשים)

### הכנסה

| | | זלאָטעס |
|---|---|---|
| 1. סאַלדאָ צום 1-טן יאַנואַר 1929 . . . | 12 | 3.235 |
| 2. פון „יעאַס", וואַרשע . . . . . . | — | 23.010 |
| 3. פון ווילנער מאַגיסטראַט . . . . . | — | 500 |
| 4. אָפּצאָל פון עמיגראַנטן . . . . . . | 80 | 4.587 |
| 5. פאַרשיידענע הכנסות און אומגעקערטע הוצאות . . . . . . . . | 34 | 1.469 |
| 6. פון „יעאַס", וואַרשע, אויף שפּראַך-קורסן | 75 | 1.121 |
| 7. „ „ „ לאַנדווירט-שאַפטלעכע צוגרייטונג . . . | 35 | 915 |
| 8. איינצאָלונגען פון עמיגראַנטן: א) אויף שיפסקאַרטעס . . 234.324.28; ב) אויף וויזעס . . . . 12.246.27 | 55 | 246.570 |
| 9. איבערגאַנגס-סומען . . . . . . . | 67 | 93.238 |
| בסך-הכל . | 58 | 374.649 |

### הוצאה

| | | זלאָטעס |
|---|---|---|
| 1. שכירות . . . . . . . . . . | — | 17.646 |
| 2. סאָציאַלע שטייערן . . . . . . . | 29 | 2.888 |
| 3. דירה-געלט, באַהייצונג און באַלייכטונג . | 56 | 2.865 |
| 4. אַלגעמיינע הוצאות . . . . . . . | 52 | 964 |
| 5. פּאָסט, טעלעגראַף, טעלעפאָן . . . | 13 | 2.404 |
| 6. שרייב-מאַטעריאַלן . . . . . . . | 60 | 770 |
| 7. שפּראַך-קורסן פאַר עמיגראַנטן . . . | 35 | 1.400 |
| 8. לאַנדווירטשאַפטלעכע צוגרייטונג פון עמיגראַנטן . . . . . . | 95 | 1.029 |
| 9. שיפסקאַרטעס און וויזעס: א) שיפסקאַרטעס . . . . 224.240.49; ב) וויזעס . . . . . . 9.463.93 | 42 | 233.704 |
| 10. איבערגאַנגס-סומען . . . . . . . | 20 | 78.401 |
| 11. סאַלדאָ צום 1-טן אַפּריל 1930 . . . | 56 | 32.574 |
| בסך-הכל . | 58 | 374.649 |

# אומזאַץ-באַלאַנסן פון ביכערלאַגער „ייקאַפּאַ" אין ווילנע.

## 1. יאָר 1925

| קאָנטע | אומזאַץ דעבעט זלאָטעס | | אומזאַץ קרעדיט זלאָטעס | | סאַלדאָ צום 1-טן יאַנואַר 1926 דעבעט זלאָטעס | | סאַלדאָ צום 1-טן יאַנואַר 1926 קרעדיט זלאָטעס | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| קאַסע | 27.628 | 93 | 26.949 | 75 | 679 | 18 | — | — |
| וועקסלען | 4.631 | 30 | 4.361 | 30 | 270 | — | — | — |
| לויפנדע רעכענונגען | 10.646 | 79 | 10.320 | 40 | 326 | 39 | — | — |
| סחורה | 85.225 | 17 | 34.116 | 37 | 51.108 | 80 | — | — |
| נאָכנאַמעס | 2.839 | 75 | 2.678 | 35 | 161 | 40 | — | — |
| דעביטאָרן | 32.119 | 35 | 31.723 | 04 | 933 | 46 | 537 | 15 |
| קרעדיטאָרן | 20.467 | 06 | 22.078 | 85 | 1.103 | 16 | 2.714 | 95 |
| פּאַיען | — | — | 342 | — | — | — | 342 | — |
| געגנט-קאָמיטעט „יעקאַפּאַ" | 3.223 | 91 | 53.928 | 68 | — | — | 50.704 | 77 |
| אַדמיניסטראַטיווע הוצאות | 13.060 | 94 | 13.060 | 94 | — | — | — | — |
| ריווח און היזק | 13.034 | 72 | 13.034 | 72 | — | — | — | — |
| קאַפּיטאַל | — | — | 283 | 52 | — | — | 283 | 52 |
| בסך-הכל | 212.877 | 92 | 212.877 | 92 | 54.582 | 39 | 54.582 | 39 |

## 2. יאָר 1926

| קאָנטע | סאַלדאָ צום 1-טן יאַנואַר 1926 דעבעט זלאָטעס | | סאַלדאָ צום 1-טן יאַנואַר 1926 קרעדיט זלאָטעס | | אומזאַץ דעבעט זלאָטעס | | אומזאַץ קרעדיט זלאָטעס | | סאַלדאָ צום 1-טן יאַנואַר 1927 דעבעט זלאָטעס | | סאַלדאָ צום 1-טן יאַנואַר 1927 קרעדיט זלאָטעס | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| קאַסע | 679 | 18 | — | — | 31.992 | 44 | 31.727 | 44 | 944 | 18 | — | — |
| וועקסלען | 270 | — | — | — | 2.824 | 36 | 2.119 | 66 | 974 | 70 | — | — |
| לויפנדע רעכענונגען | 326 | 39 | — | — | 6.898 | 64 | 7.367 | 69 | 157 | 63 | 300 | 29 |
| סחורה | 51.108 | 80 | — | — | 41.288 | 10 | 38.617 | 76 | 53.779 | 14 | — | — |
| נאָכנאַמעס | 161 | 40 | — | — | 4.746 | 25 | 4.818 | 90 | 88 | 75 | — | — |
| דעביטאָרן | 933 | 46 | 537 | 15 | 36.123 | 95 | 34.926 | 12 | 2.258 | 04 | 663 | 50 |
| קרעדיטאָרן | 1.103 | 16 | 2.714 | 95 | 22.269 | 02 | 26.641 | 52 | 146 | 89 | 6.131 | 18 |
| איבערגאַנגס-סומען | — | — | — | — | 700 | — | 700 | — | — | — | — | — |
| פּאַיען | — | — | 342 | — | — | — | 233 | — | — | — | 575 | — |
| געגנט-קאָמיטעט „יעקאַפּאַ" | — | — | 50.704 | 77 | 770 | — | — | — | — | — | 49.934 | 77 |
| אַדמיניסטראַטיווע הוצאות | — | — | — | — | 15.374 | 04 | 15.374 | 04 | — | — | — | — |
| ריווח און היזק | — | — | — | — | 14.424 | 97 | 14.885 | 64 | — | — | 460 | 67 |
| קאַפּיטאַל | — | — | 283 | 52 | — | — | — | — | — | — | 283 | 52 |
| בסך-הכל | 54.582 | 39 | 54.582 | 39 | 177.411 | 77 | 177.411 | 77 | 58.349 | 33 | 58.349 | 33 |

## 3. יאָר 1927

| קאָנטע | סאַלדאָ צום 1-טן יאַנואַר 1927 — דעבעט (זלאָטעס) | | סאַלדאָ צום 1-טן יאַנואַר 1927 — קרעדיט (זלאָטעס) | | אומזאַץ — דעבעט (זלאָטעס) | | אומזאַץ — קרעדיט (זלאָטעס) | | סאַלדאָ צום 1-טן יאַנואַר 1928 — דעבעט (זלאָטעס) | | סאַלדאָ צום 1-טן יאַנואַר 1928 — קרעדיט (זלאָטעס) | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| קאַסע | 944 | 18 | — | — | 31.621 | 14 | 31.798 | 82 | 766 | 50 | — | — |
| וועקסלען | 974 | 70 | — | — | 8.772 | 02 | 9.209 | 72 | 621 | 15 | 84 | 15 |
| לויפנדע רעכענונגען | 157 | 63 | 300 | 29 | 12.229 | 95 | 11.477 | 75 | 763 | 83 | 154 | 29 |
| סחורה | 53.779 | 14 | — | — | 35.351 | 88 | 38.087 | 73 | 51.043 | 29 | — | — |
| נאָכנאַמעס | 88 | 75 | — | — | 3.997 | 90 | 4.035 | 25 | 51 | 40 | — | — |
| דעביטאָרן | 2.258 | 04 | 663 | 90 | 35.319 | 38 | 34.343 | 63 | 2.884 | 69 | 314 | 80 |
| קרעדיטאָרן | 146 | 89 | 6.131 | 18 | 22.879 | 16 | 20.545 | 77 | 913 | 33 | 4.564 | 23 |
| איבערגאַנגס-סומעס | — | — | — | — | 383 | 25 | 783 | 25 | — | — | 400 | — |
| פּאַיען | — | — | 575 | — | — | — | — | — | — | — | 575 | — |
| געגנט-קאָמיטעט „יעקאַפּאַ“ | — | — | 49.934 | 77 | — | — | — | — | — | — | 49.934 | 77 |
| אַדמיניסטראַטיווע הוצאות | — | — | — | — | 16.037 | 61 | 16.037 | 61 | — | — | — | — |
| ריוח און היזק | — | — | 460 | 67 | 15.452 | 80 | 15.264 | 89 | — | — | 272 | 76 |
| קאַפּיטאַל | — | — | 283 | 52 | — | — | 460 | 67 | — | — | 744 | 19 |
| בסך-הכל | 58.349 | 33 | 58.349 | 33 | 182.045 | 09 | 182.045 | 09 | 57.044 | 19 | 57.044 | 19 |

## 4. יאָר 1928

| קאָנטע | סאַלדאָ צום 1-טן יאַנואַר 1923 — דעבעט (זלאָטעס) | | סאַלדאָ צום 1-טן יאַנואַר 1923 — קרעדיט (זלאָטעס) | | אומזאַץ — דעבעט (זלאָטעס) | | אומזאַץ — קרעדיט (זלאָטעס) | | סאַלדאָ צום 1-טן יאַנואַר 1929 — דעבעט (זלאָטעס) | | סאַלדאָ צום 1-טן יאַנואַר 1929 — קרעדיט (זלאָטעס) | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| קאַסע | 766 | 5[illegible] | — | — | 26.202 | 32 | 26.356 | 50 | 612 | 32 | — | — |
| וועקסלען | 621 | 15 | 84 | 15 | 8.538 | 20 | 9.185 | 43 | 973 | 90 | 1.084 | 15 |
| לויפנדע רעכענונגען | 763 | 83 | 154 | 29 | 15.116 | 25 | 15.304 | 40 | 421 | 39 | — | — |
| סחורה | 51.043 | 29 | — | — | 25.574 | 79 | 29.546 | 05 | 47.072 | 03 | — | — |
| נאָכנאַמעס | 51 | 40 | — | — | 2.268 | 55 | 2.319 | 95 | — | — | — | — |
| דעביטאָרן | 2.884 | 69 | 314 | 80 | 25.818 | 44 | 22.907 | 08 | 5.634 | 61 | 153 | 36 |
| קרעדיטאָרן | 913 | 33 | 4.564 | 23 | 13.840 | 24 | 11.792 | 46 | 353 | 88 | 1.957 | — |
| איבערגאַנגס-סומעס | — | — | 400 | — | 1.458 | 35 | 2.100 | 85 | — | — | 1.042 | 50 |
| פּאַיען | — | — | 575 | — | — | — | — | — | — | — | 575 | — |
| געגנט-קאָמיטעט „יעקאַפּאַ“ | — | — | 49.934 | 77 | — | — | — | — | — | — | 49.934 | 77 |
| אַדמיניסטראַטיווע הוצאות | — | — | — | — | 16.451 | 63 | 16.451 | 63 | — | — | — | — |
| ריוח און היזק | — | — | 272 | 76 | 14.670 | 24 | 13.701 | 88 | 695 | 6[illegible] | — | — |
| קאַפּיטאַל | — | — | 744 | 19 | — | — | 272 | 76 | — | — | 1.016 | 95 |
| בסך-הכל | 57.044 | 19 | 57.044 | 19 | 149.939 | 01 | 149.939 | 01 | 55.763 | 73 | 55.763 | 73 |

## 5. יאָר 1929

| קאָנטע | סאַלדאָ צום 1-טן יאַנואַר 1929 — דעבעט (זל.) | (גר.) | סאַלדאָ צום 1-טן יאַנואַר 1929 — קרעדיט (זל.) | (גר.) | אומזאַץ — דעבעט (זל.) | (גר.) | אומזאַץ — קרעדיט (זל.) | (גר.) | סאַלדאָ צום 1-טן יאַנואַר 1930 — דעבעט (זל.) | (גר.) | סאַלדאָ צום 1-טן יאַנואַר 1930 — קרעדיט (זל.) | (גר.) |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| קאַסע | 612 | 32 | — | — | 15.737 | 02 | 15.661 | 15 | 688 | 19 | — | — |
| וועקסלען | 973 | 90 | 1.084 | 15 | 4.922 | 37 | 4.590 | 67 | 345 | 60 | 124 | 15 |
| לויפנדע רעכענונגען | 421 | 39 | — | — | 3.229 | 04 | 3.286 | 68 | 365 | 75 | — | — |
| סחורה | 47.072 | 03 | — | — | 14.477 | 13 | 14.707 | 28 | 48.841 | 88 | — | — |
| נאַכנאַמעס | — | — | — | — | 165 | 30 | 165 | 30 | — | — | — | — |
| דעביטאָרן | 5.634 | 61 | 153 | 26 | 13.039 | 52 | 14.061 | 14 | 4.542 | 48 | 82 | 85 |
| קרעדיטאָרן | 353 | 88 | 1.957 | — | 7.972 | 70 | 6.434 | 20 | 822 | 91 | 887 | 53 |
| איבערגאַנגס-סומעס | — | — | 1.042 | 50 | 1.917 | 25 | 2.765 | — | — | — | 1.890 | 25 |
| פּאַיען | — | — | 575 | — | — | — | — | — | — | — | 575 | — |
| געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ“ | — | — | 49.934 | 77 | — | — | — | — | — | — | 49.934 | 77 |
| אַדמיניסטראַטיווע הוצאות | — | — | — | — | 8.542 | 28 | 8.452 | 28 | 90 | 4 | — | — |
| ריוח און היזק | 695 | 60 | — | — | 8.298 | 29 | 8.872 | 80 | 121 | 09 | — | — |
| קאַפּיטאַל | — | — | 1.016 | 95 | 695 | 60 | — | — | — | — | 321 | 35 |
| בסך-הכל | 55.763 | 73 | 55.763 | 73 | 78.996 | 50 | 78.996 | 50 | 53.815 | 90 | 53.815 | 90 |

## 6. יאָר 1930

| קאָנטע | סאַלדאָ צום 1-טן יאַנואַר 1930 — דעבעט (זל.) | (גר.) | סאַלדאָ צום 1-טן יאַנואַר 1930 — קרעדיט (זל.) | (גר.) | אומזאַץ — דעבעט (זל.) | (גר.) | אומזאַץ — קרעדיט (זל.) | (גר.) |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| קאַסע | 688 | 19 | — | — | 11.026 | 44 | 11.714 | 63 |
| וועקסלען | 345 | 60 | 124 | 15 | 3.111 | 95 | 3.333 | 40 |
| לויפנדע רעכענונגען | 363 | 75 | — | — | 1.308 | 01 | 1.671 | 76 |
| פּאַיען אין יידישער צענטראַלער קאָאָפּ. פאָלקסבאַנק אין ווילנע | — | — | — | — | 50 | — | 50 | — |
| סחורה | 46.841 | 83 | — | — | 5.566 | 06 | 52.407 | 94 |
| נאַכנאַמעס | — | — | — | — | 139 | 55 | 139 | 55 |
| דעביטאָרן | 4.542 | 48 | 82 | 85 | 13.709 | 91 | 18.169 | 54 |
| קרעדיטאָרן | 822 | 91 | 887 | 53 | 7.741 | 20 | 7.676 | 58 |
| איבערגאַנגס-סומעס | — | — | 1.890 | 25 | 3.139 | 47 | 1.249 | 22 |
| פּאַיען | — | — | 575 | — | 575 | — | — | — |
| געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ“ | — | — | 49.934 | 77 | 49.934 | 77 | — | — |
| אַדמיניסטראַטיווע הוצאות | 90 | — | — | — | 5.918 | 31 | 6.008 | 31 |
| ריוח און היזק | 121 | 09 | — | — | 41.814 | 22 | 41.935 | 31 |
| קאַפּיטאַל | — | — | 321 | 35 | 321 | 35 | — | — |
| בסך-הכל | 53.815 | 90 | 53.815 | 90 | 144.356 | 24 | 144.356 | 24 |

### באַמערקונגען:

1. אין דער סומע 49.934.77 זל. גייט אַריין דער ווערט פון ביכערלאַגער (וועלכער איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם קאָמיטעט „יעקאָפּאָ“) אָפּגעשאַצט אין 8.000 זל. און די געשיינקטע דורך „יעקאָפּאָ“ דעם קאָאָפּעראַטיוו „ייקאָפּאָ“ דעם רעשט פון חוב אין דער גרויס פון 41.038.96 זל. דערמיט איז דער קאָאָפּעראַטיוו „ייקאָפּאָ“ ליקווידירט געוואָרן.
2. פון אָקטאָבער 1928 האָט דער קאָמיטעט „יעקאָפּאָ“ אויסגעהאַלטן דעם ביכערלאַגער „ייקאָפּאָ“ אויך מיט אומזיסטער דירה, באַהייצונג און באַלייכטונג.
3. צו דער באַמערקונג אויף ז. 1051—1053 דאַרף מען נאָך צוגעבן, אַז דער קאָמיטעט „יעקאָפּאָ“ האָט געשטיצט די ווילנער עמיגראַציע-אָפּטיילונג פון „יעאַס“ מיטן גאַנצן אינווענטאַר (די אָפּטיילונג האָט קיין אייגענעם אינווענטאַר ניט געהאַט), ניט רעכענענדיק דערביי ניט קיין ניץ-געלט און ניט קיין הוצאות אויף אַמאָרטיזאַציע.

# אין משך פון דער צייט

## (גלגולים. דער מצב צום יאָר 1931).

אין לייט־אַרטיקל „די צייט, די מענטשן און די אַרבעט" זיינען שוין כאַראַקטעריזירט געוואָרן די וויכטיקסטע עטאַפּן פון דער אַרבעט, די צייט און די באַדינגונגען, ביי וועלכע ס'איז איר אויסגעקומען צו פירן און די מענטשן, וועלכע האָבן איר געפירט און פאַר וועלכע מען האָט איר געפירט. אין די איבעריקע אַרטיקלען פון פנקס איז די אַרבעט גענוי געשילדערט געוואָרן אין אירע איינצלנע פאָרמען און פרטים. אין משך פון דער צייט האָט זי דורכגעמאַכט פאַרשיידענע אַנטוויקלונגס-פאַזן און גלגולים.

די דאָזיקע אַרבעט, ווי ס'איז צו זען פון די פריערדיקע אַרטיקלען, איז אַפילו ווייט אַריבער די גרענעצן פון ווילנער געגנט. זי האָט אַרומגענומען אַלע געביטן פון יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן און אַלע נויטן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין ווילנער געגנט, האָט אָבער גלייכצייטיק געהאַט אַן אָפּקלאַנג און אַ ווירקונג אויף דער טעטיקייט אין אַנדערע טיילן פון פוילן און אויך אויף די יידישע אַלפוילישע און אַלוועלטלעכע אָרגאַניזאַציעס, מיט וועלכע „יעקאָפּאַ" און זיינע טוער זיינען געווען פאַרבונדן, באָענט מיטגעאַרבעט און פאַרטרעטן אין פאַרשיידענע זייערע אַלגעמיינע קאָמיטעטן און ראַטן.

אין ווילנער געגנט זיינען געשאַפן געוואָרן די פאָרמען פון פּראָדוקטיווער הילף אַ סך פריער, ווי אַנדערשוואו און פון דאַנען זיינען אויך איבערגענומען געוואָרן פיל מעטאָדן און סיסטעמען פון דער אַרבעט.

שוין אין די יאָרן 1919—1920 איז געשאַפן געוואָרן די קאָאָפּעראַטיווע נעץ. אין יאָר 1921 — שוין אַפילו די קאָאָפּעראַטיווע צענטראַלע. אַלע ערשטע ליי- און שפּאַר-קאַסעס, פאָלקסבענק און קאָאָפּעראַטיוון זיינען געגרינדעט געוואָרן פון „יעקאָפּאַ". פון דעם באַריכט, וואָס ברוך כהן גרייט צו וועגן דער צען-יאָריקער טעטיקייט פון דער צענטראַלער יידישער קאָאָפּעראַטיווער פאָלקסבאַנק אין ווילנע (איר צעניאָריקער יובילײ פאַלט אויס דעם 14 יולי 1931), איז צו זען, אַז דער ערשטער באַלאַנס פון דער צענטראַלער באַנק אויפן 15-טן יולי 1921 אין דער גרויס פון 635.144 פוילישע מאַרק איז באַשטאַנען כמעט אינגאַנצן פון „יעקאָפּאַ"-מיטלען (אויף אָרגאַניזאַציע און אינווענטאַר), דער רעשט — פון די פּאַיען פון „יעקאָפּאַ"-טוער, וועלכע זיינען אויך געווען די גרינדער פון באַנק, און פון 19 פאָלקסבענק, וואָס „יעקאָפּאַ" האָט געהאַט נאָך פריער געגרינדעט. די גרינדער זיינען געווען נ. קאָוואַרסקי, מ. שאַליט, מ. יעוווזעראָוו, א. קליאַנסקי, ל. זאַקהיים, א. לאַנגבאַרט, הרב ש. פריד, מ. א. אימיאַניטאָוו. די פאָלקסבענק זיינען געווען פון פּאָדבראָדז, אָשמענע, סווענציאַן, אָלקעניק, אָלשאַן, איוויע, ליפּנישאָק, זשעלודאָק, קורענעץ, וואָלאָזשין, דזווענישאָק, בעליצע, לעבעדעווע, איישישאָק, וואָראָנאָווע, האָראָדאָק, סוויר, ראַדון (און דער קאָאָפּעראַטיוו „טרושעניק" אין ווילנע). די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג איז פאַר די צען יאָר שטאַרק אויסגעוואַקסן און אין די ערשטע יאָרן האָט די ווילנער געגנט געגעבן ביישפּילן פאַר גאַנץ פוילן.

די אויפבויאונג פון די חרוב-געוואָרענע פון דער מלחמה הייזער און בנינים האָט אויך די ערשטע אָנגעהויבן „יעקאָפּאַ" אין ווילנער געגנט און איז שפּעטער אַריבערגעטראָגן געוואָרן דורך אַנדערע אָרגאַניזאַציעס און די איבעריקע באַטרעפנדע טיילן פון פוילן און אַנדערע לענדער. אין יאָר 1930—1931 האָט „יעקאָפּאַ" לויט אַן אָפּמאַך מיט יק"אַ אַנטגילטיק ליקווידירט די אַרבעט און האָט איבערגעגעבן יק"אַ דעם רעשט דאָקומענטן, היפּאָטעק-התחייבותן און די אינקאַסאָ-ענינים.

די פאַרזאָרגונג פון קינדער, די ערשטע צייטן דורכאויס מלחמה-יתומים, האָט „יעקאָפּאַ" גלייך פון אָנהייב, אויך די ערשטע, געפירט אין זין פון צוגרייטן זיי אין אַ פאַך, אויסלערנען זיי מלאכה, צופּאַסן צו אַ פּראָדוקטיוון און ווירדיקן לעבן. אויף דעם געביט האָט „יעקאָפּאַ" איינגעאָרדנט פּראָפּאָרציאָנעל די גרעסטע צאָל קינדער און איז דאָ געשטאַנען אויפן ערשטן אָרט. ביסלעכווייז איז די אַרבעט אין די לעצטע יאָרן פאַרקלענערט געוואָרן. צום יאָר 1931 איז זי געבליבן שטיין אָן אַ וועלכן ניט איז געזיכערטן ביודזשעט. דאָך איז זי ווייטער געפירט געוואָרן, הגם מיט זייער גרויסע שוועריקייטן. אויך די פלענאַרע זיצונג פון יתומים-פאַרבאַנד אין וואַרשע דעם 1—2 פעברואַר 1931 האָט ניט אַריינגעטראָגן קיין בעסערע ביודזשעט-מעגלעכקייטן פאַר דער ווייטערדיקער אַרבעט בכלל און די איינצלנע צענטראַלעס זיינען כמעט ווי איבערגעלאָזן געוואָרן אויף זייער אייגענעם גורל. דער ד. ד. ק. האָט באַשטימט בלויז איינציקע סומעס אויף אינוועסטיציע-צוועקן און אַ גאָר קליינע סובסידיע אויף עטלעכע חדשים.

שטאַרק אַנטוויקלט האָט זיך די טעטיקייט פון די גמילות-חסדים-קאַסעס. ווי אַלע געביטן פון דער אַרבעט, האָט אויך זי צום יאָר 1931 ניט געהאַט קיינע שום נייע מיטלען. זי איז אָבער שוין געווען מער-ווייניק באַפעסטיקט פון פריער און האָט זיך אַליין געקענט מער-ווייניק אויסהאַלטן אויף די פּרינציפּן פון זעלבסטטעטיקייט און אָרטיקער זעלבסטהילף. אָן אַ צופלוס, אָבער, פון גרעסערע פרישע מיטלען, וואָס זיינען געווען אַממערסטן נויטיק גראָד אין דעם ביטערן קריזיס-יאָר 1930—1931, האָבן די גמ"ח'ן ניט געקענט באַפרידיקן די פאַרגרעסערטע צוליב דער נויט צאָל ווענדונגען, הגם אויך אין דעם דאָזיקן שווערן יאָר האָבן זיי ניט אויפגעהערט צו זאַמלען נייע אייגענע מיטלען און האָבן זיך דער עיקר דערנערט פון אייגענע זאַפּטן. זיי האָבן אַפילו אויך אין אָט די צייטן געמוזט צוריקצאָלן ראַטעסווייז דעם ד. ד. ק. זיינע פריערדיקע קרעדיטן, ניט אַלעמאָל באַקומענדיק צוריק אַ קאָמפּענסאַציע.

די באַציאונגען מיט דעם גמ"ח-ד. ד. ק. - פאַרטרעטער (פון אַרטיקל מענטשן, ז. אויבן און ווייטער) זיינען צייטנווייז געוואָרן פאַרשווערט און צום סוף אַפילו אינגאַנצן אוממעגלעך און אַזוי גוט ווי איבערגעריסן צוליב פּרינציפּיעלע חילוקי דעות. דער דאָזיקער פאַרטרעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן געזעלשאַפטלעך פאַר פיל ערגער און פיינדלעכער, ווי די אַמעריקאַנער פאַרטרעטער בשעתו. די געזעלשאַפטלעכקייט אין פוילן האָט זיך נאָך אַלץ ניט אַ רוק געטאָן פאָראויס, איז ניט געוואָרן מער אָרגאַניזירט און האָט אַלץ ניט געקענט ווערן זעלבשטענדיק, וואָס האָט געלייגט דעם שטעמפּל אויף דער גאַנצער טעטיקייט און געפּענטעט איר אַנטוויקלונג.

*

אַ גאָר שווערער יאָר איז געווען 1930 פאַר דער עמיגראַציע-אַרבעט. די באַדערפעניש אין עמיגראַציע פון אונדזערע געגנטן האָבן זיך געמערט וואָס פון טאָג, — און די עמיגראַציע-לענדער האָבן זיך פאַרמאַכט איינס נאָכן אַנדערן. איינגנטלעך האָבן זיך די דאָזיקע לענדער ניט געשלאָסן אינגאַנצן און פולשטענ-

דיק, אַזוי צו זאָגן הערמעטיש, אָבער ס'זיינען איינגעפירט געוואָרן אַלץ נייע הומרות, קוואָטעס און באַגרעניצונגען און אַפילו די לענדער, וואָס זיינען ביז דעם יאָר געווען פריי, האָבן אויך אָנגעהויבן פעסטער צו פאַרריגלען זייערע טויערן. ווי ס'האָט כאַראַקטעריזירט דעם יאָר 1930 אין זיין באַריכט דער פאַרוואַלטער פון דער ווילנער עמיגראַציע-אָפּטיילונג ה' י. וואָלק, איז עס געווען אַ נערוועזער יאָר, — אַלע ווײַלע מיט נייע גזרות און פירושים.

**צום יאָר** 1931 זיינען חוץ דער באַרימטער קוואָטע אויף די פאַראייניקטע שטאַטן פון צפון-אַמעריקע געווען אַזוי-גוט ווי געשלאָסן אַוסטראַליע, דרום-אַפריקע און קאַנאַדע; צען מאָל פאַרטייערט אַרגענטינע; באַגרעניצט קאָלומביע, טשילי, קובע, מעקסיקע, בראַזיליע.

**אַ באַזונדערס שווערער קלאַפּ** איז געווען פאַר אונזער עמיגראַציע דאָס שליסן דרום-אַפריקע (צום 1 מאַי 1930), וואוהין ס'פלעגן פליסן שטאַרקע שטראָמען עמיגראַנטן פון ליטע. ס'איז ניט צו באַשרייבן די בהלה- און מהומה-חדשים (פעברואַר—מערץ 1930) פאַרן שליסן דאָס לאַנד און די סצענעס, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט אין אונזערע ביוראָען אין דער דאָזיקער צייט, ווען מיט יעדן קלונג פון טעלעפאָן און מיט יעדער דעפּעש איז אָנגעזאָגט געוואָרן אַ נייע גזירה אָדער נייע באַגרעניצנדיקע פרטים. ס'זיינען כסדר געשטיגן די פרייזן אויף שיפסקאַרטעס, ס'האָבן זיך געהויבן די פאָדערונגען אויף וויזע-געלט (לענדינג-מאָנעי), ס'זיינען מיט אַמאָל גאָר אָנגעהויבן אויסצורינען די פלעצער אויף די שיפן און די שוין-באַשטעלטע ערטער זיינען פאַרשוואונדן געוואָרן. אונזערע ביוראָען זיינען מאָביליזירט געוואָרן צו דער אַרבעט טאָג און נאַכט, די טוער זיינען געשטאַנען אויף זייערע פאָסטנס ווי מיליטערלייט, אַ וויכטיקע טעטיקייט האָט אַנטוויקלט „היקעם" מיט אויסגעפינען פלעצער אויף די שיפן און מיט גאַראַנטירן פאַר די וויזע-געלטער — און די גרויסע טראַנספּאָרטן עמיגראַנטן זיינען מיט ערפאָלג אָפּגעשיקט געוואָרן צום באַשטימטן טערמין קיין דרום-אַפריקע. אַלע אונזערע עמיגראַנטן פון ווילנע און פּראָווינץ (איבער 170 פּערזאָן), וואָס זיינען אָפּגעפאָרן אין די דאָזיקע פאַר לעצטע חדשים, זיינען אויך אַריינגעלאָזן געוואָרן אין לאַנד און קיינער איז ניט צוריקגעשיקט געוואָרן.

אַ נייע בהלה, — אַ פיל קלענערע,— האָט אַרויסגערופן די פלוצלונגדיקע פאַרטייערונג, אַנשטאָט 3 דאָלאַר אויף 33 דאָלאַר פון דער וויזע (און ביילאַגעס) קיין אַרגענטינע צום אָנהויב יאָר 1931. ווידער זיינען אַוועק צום באַשטימטן טערמין די באַטרעפנדע גרעסערע טראַנספּאָרטן עמיגראַנטן.

כדי בעסער צו פאַרשטיין די אינטענסיווע און פאַראַנטוואָרטלעכע טעטיקייט פון אונזער ווילנער עמיגראַציע-אָפּטיילונג „יעאָס" ביי „יעקאָפּאָ" דאַרף מען געדענקען, אַז אַ גרויסע צאָל פּעטענטן אירע זיינען פונאַנדערגעוואָרפן איבער דער גאַנצער פּראָווינץ, אָפטמאָל אין די פאַרוואָרלאָזטע פונקטן מיט די ערגסטע קאָמוניקאַציע-מעגלעכקייטן, און אַז זיי אַלעמען האָט מען געדאַרפט אינפאָרמירן צו דער צייט, ריכטיקער צו דער מינוט, ווייל יעדע רגע האָט געקענט אינגאַנצן איבערבייטן די סיטואַציע צום ערגסטן פאַרן עמיגראַנט אָדער אַפילו אינגאַנצן מאַכן פאַר אים אוממעגלעך דאָס אַרויספאָרן. דאָ האָבן פיל מיטגעהאָלפן, ווי ביי אַנדערע ענלעכע אַקציעס, די ענגע פאַרבינדונגען, וואָס „יעקאָפּאָ" האָט מיט דער פּראָווינץ.

**די סטאַטיסטישע דאַטן** פון דער ווילנער „יעאָס"-אָפּטיילונג ביי „יעקאָפּאָ" פאַרן לעצטן יאָר שטעלן זיך פאָר אויף פאָלגנדן אופן:

## עמיגראַציע אין יאָר 1930.

1) אַלגעמיינע צאָל באַזוכן פון עמיגראַנטן — 12.079. די צאָל פּערזאָנען, וועלכע האָבן זיך צום ערשטן מאָל געווענדעט אין ביוראָ (אויסשליסלעך נייע עמיגראַנטן — ראשי המשפחות) — 2.611. אינטערווענצן ביי דער מאַכט 398, אין די קאָנסולאַטן 247. הלוואות 178.

2) לויטן פאַך זיינען די עמיגראַנטן געווען: בעלי-מלאכות און אַרבעטער 1.341 (51,4 פּראָצ.), ערדאַרבעטער 229 (8,7 פּראָצ.), הענדלער 272 (10,4 פּראָצ.), פרייע פּראָפעסיעס 48 (1,9 פּראָצ.) און אָן באַשטימטע באַשעפטיקונגען 721 (27,6 פּראָצ.),—צוזאַמען 2611.

3) לויט געשלעכט: מענער 1.677, פרויען 934. יינגער 18 יאָר: מ. 149, פ. 91; 18 — 25 יאָר — מ. 562, פ. 304; 25—40 יאָר—מ. 661, פ. 303; 40—60 יאָר—מ. 238, פ. 147; עלטער פון 60 יאָר — מ. 67, פ. 83 — צוזאַמען 2611.

4) לויט די אימיגראַציע-לענדער איז די צאָל ווענדונגען געווען פאָלגנדע: אַרגענטינע — 415, פראַנקרייך — 415, פאַראייניקטע שטאַטן — 379, דרום-אַפריקע — 318, בראַזיליע — 231, קאַנאַדע — 195, אורוגוואַי — 141, רוסלאַנד — 80, קובע — 64, מעקסיקע — 54, פאַלעסטינע — 52, לעטלאַנד — 40, בעלגיע—23, דייטשלאַנד—41, טשילי—17, ליטע — 16, קאָלומביע — 9, אַוסטראַליע — 5, ווענעצועלע — 5, רומעניע — 5; כינע, עסטלאַנד, שווייץ און שפּאַניע צו 4; דאַנציג און האָלאַנד צו 3; פינלאַנד און שוועדן צו 2; לוקסעמבורג, סיריע, עסטרייך, גוואַטעמאַליע, טשעכיע, קאָסטאַ-ריקאַ און פּאָרטוגאַל צו 1; אומבאַשטימטע לענדער—12, צוזאַמען 2.611.

5) די צאָל באַקומענע ערלויבענישן אויף אומזיסטע אויסלענדישע פּעסער האָט באַטראָפן 1.068; צאָל באַקומענע וויזעס (אונטער די אויגן) — 427. צאָל באַקומענע בריוו — 5.005, צאָל אָפּגעשיקטע בריוו — 7.956. צאָל אויסגעקויפטע שיפסקאַרטעס — 395, צאָל צוגעשיקטע פּריפּיידן — 320. די סומע פון די שיפסקאַרטן האָט באַטראָפן — 44.127 דאָלאַר. די אַרויסגעגעבענע הלוואות אויף די שיפסקאַרטעס האָט באַטראָפן 4.647.50 דאָלאַר.

6) צאָל אָפּגעפאָרענע עמיגראַנטן: אין מעבר-לים-לענדער — אַרגענטינע — 233, דרום-אַפריקע — 176, קאַנאַדע — 84, פאַראייניקטע שטאַטן—66, בראַזיליע—65, אורוגוואַי—27, פאַלעסטינע—26, מעקסיקע—18, קובע 12, קאָלומביע—3, אַוסטראַליע און כינע צו 2, ווענעצועלע, ניופאַונדלענד און פּערו צו 1. צוזאַמען — 717; אין די אייראָפּעאישע לענדער: פראַנקרייך—84, לעטלאַנד—30. ענגלאַנד—13, בעלגיע — 12, רוסלאַנד 5, דייטשלאַנד — 4, רומעניע — 3, האָלאַנד — 2, שווייץ—2, ליטע און שוועדן צו 1. צוזאַמען—159. בסך-הכל—874. די פאַקטישע צאָל אָפּגעפאָרענע עמיגראַנטן איז זיכער אַ גרעסערע, ווייל אַ טייל האָבן ניט צו טאָן אין ביוראָ פאַרן אָפּפאָרן, חוץ דעם געפינט זיך אַ טייל אין דער ווייטער פּראָווינץ, וואָס ווערט אויך ניט רעגיסטרירט פאַרן אָפּפאָרן.

אין זעלבן יאָר 1930 איז אַנטשטאַנען אין פּוילן אַ נייע עמיגראַציע-קערפּערשאַפט פון אַ האַלב-אָפיציעל מאָנאָפּאָל-כאַראַקטער און ברייטן סטאַטוט — דער אַזויגערופענער עמיגראַציע-סינדיקאַט (זע דעם ביולעטין פון עמיגראַציע-אַמט, פּויליש, פון 15 יולי 1930, נומ' 14), וואָס איז געשאַפן געוואָרן פון פּוילישן מלוכהשן עמיגראַציע-אַמט אין דער פאָרם פון אַ האַנדלס-אונטערנעמונג אויף פּאַיען מיט באַגרעניצטער אחריות, אין וועלכער דער מלוכהשער עמיגראַציע-אַמט האָט 60 פּראָצ. פּאַיען און די קאָנצעסיאָנירטע אין פּוילן שיפסגעזעל-

שאַפטן 40 פּראָצ. דער סינדיקאַט פירט די עמיגראַציע-אַרבעט דורך אַ ריי אייגענע ביוראָען (ווערט פאָראויסגעזען איבער 100), וואָס מאַכט איבעריק די עקסיסטענץ פון די שיפסקאַנטאָרן אויף דער פּראָווינץ, וועלכע ווערן צוליב דעם ליקווידירט. די שיפסגעזעלשאַפטן ווידער, פאַרשפּאָרנדיק די קאָסטן פון די ביוראָען, צאָלן דעם סינדיקאַט אַ געוויסע סומע (15 דאָלאַר) פון יעדער שיפסקאַרטע אויף אויסהאַלטן די אונטערנעמונג.

דערווייל האָט דער סינדיקאַט ניט געשטערט די עמיגראַציע-געזעלשאַפטן. וועגן די באַציאונגען אין דער צוקונפט איז שווער צו אורטיילן, צוליב דער נייקייט פון דער זאַך.

•

אין מאַי 1930 האָט דער גענעראַל-דירעקטאָר פון דזשוינט אויף אייראָפּע ד"ר בערנאַרד כהן באַזוכט פּוילן מיטן צוועק צו באַקאָנען זיך מיט דער לאַגע אויף אָן אָרט, אויסצואַרבעטן אַ ריי פּלענער אויף צוצושטעלן דעם ד. ד. ק. אין ניו-יאָרק און צוגרייטן זיך צו אַ רייזע קיין אַמעריקע אויף אַ זיצונג פון ד. ד. ק. אין שייכות מיט דער ווייטערדיקער פירונג פון דער ד. ד. ק.-אַרבעט אין אייראָפּע בכלל.

צוליב דעם שווערן ווירטשאַפטלעכן מצב פון דער יידישער באַפעלקערונג איז דער אינטערעס צום קומען פון ד"ר כהן קיין פּוילן געווען באַזונדערס גרויס. ס'זיינען געלייגט געוואָרן גרויסע האָפענונגען אויף די רעזולטאַטן פון דעם באַזוך. די וואַרשעווער פּרעסע און נאָך איר די פּראָווינציעלע איז איבערפולט געוואָרן מיט אַרטיקלען, נאָטיצן און איבערטריבענע ידיעות, מען האָט געגרייט מעמאָראַנדומס, ס'האָבן זיך אַ שאָט געטאָן בקשות און ווענדונגען, ס'האָט אויפגערודערט די גאַנצע אַזוי-גערופענע געזעלשאַפטלעכע מיינונג, פון אַלץ האָט זיך געטראָגן אַ גרילצנדיקער געשריי און סענסאַציע; אַ ליאַרם און אַ טומל איז אויפגעהויבן געוואָרן ווי ביי דער גרעסטער וועלטגעשעעניש.

און אַז ד"ר כהן איז געקומען קיין וואַרשע און ס'איז אַנטשטאַנען דער ריכטיקער מאָמענט צו דערלאַנגען די קאָנקרעטע פּלענער פון אַרבעט, האָט זיך ערשט אַרויסגעשטעלט, ווי גרויס איז די ירידה פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט אין פּוילן, ווי שווער עס איז זיך נוקם די אומאָרגאַניזירטקייט פון דער דאָזיקער געזעלשאַפטלעכקייט, דאָס פולשטענדיקע פעלן פון אַן אַלגעמיינער אייגענער גרויסער אָרגאַניזאַציע אויף ברייטע יסודות פאַר די וויכטיקסטע נויטן און פראַגן פון יידישן סאָציאַלן און עקאָנאָמישן לעבן און ווי שעדלעך ס'איז דער כאַאָס, די צעברעקלונג און צושפּליטערונג פון די כוחות און דאָס דולדן אָדער פאַרלאָזן זיך אויף פרעמדע אַפּוטרופּסים אין וואַרשע, וואָס ווילן נאָך אַלץ פאַרבייטן די אָרטיקע געזעלשאַפטלעכקייט און אַפילו ברעכן איר דאָרט, וואו זי איז פאַראַן (ווי דאָס איז געווען דער טרויעריקער פאַל מצד דעם ד. ד. ק.-פאַרטרעטער פאַר די גמ"ח-קאַסעס אין וואַרשע בנוגע דער געזעלשאַפטלעך-אָרגאַניזירטער ווילנער געגנט).

און אַזוי איז געשען, אַז אָנשטאַט צו וויסן, וואָס מען וויל, וואָס ליגט פאַר די יידישע געזעלשאַפט, האָט מען גאָר אָנגעהויבן צו פאָדערן, אַז ד"ר כהן אַליין זאָל געבן דעם פּלאַן, ער זאָל אָנווייזן די הילף, ער זאָל פאָרמולירן די נויטן, — און ס'האָט זיך אַרויסגעשטעלט אַזאַ מין אָפּהענטיקייט און פאַרלאָרנקייט, וואָס האָט נאָך ניט געהאַט איר גלייכן. די וואַרשעווער און אַנדערע יידישע פּרעסע פון יענער צייט וועט פאַרבלייבן אַלס בולטע אָפּשפּיגלונג פון דעם דאָזיקן טרויעריקן בילד.

און אין דערזעלבער פּרעסע וועט מען אויך געפינען, אַז נאָך פריער און אויך שפּעטער האָט מען אין וואַרשע אין משך פון יאָרן אַלץ געהאַלטן אין איין ריידן וועגן גרינדן אַן אַזוי-גערופענעם ווירטשאַפטלעכן ראַט, אַן אייגענע אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל זיך פאַרנעמען מיט די פּראָבלעמען פון יידישן עקאָנאָמישן לעבן, זיינע וועגן און צוקונפט און זאָל זאָרגן וועגן די נויטן פון יידישן קיבוץ, וואָס האָט זיך ממש געהאַלטן אין טרינקען פון נויט און יאוש, און מען האָט דעם ראַט און די אָרגאַניזאַציע אַלץ ניט געקענט גרינדן (ערשט אין מערץ 1931 האָט זיך באַוויזן אין דער וואַרשעווער פּרעסע ווידער אַמאָל די אַלט-נייע ידיעה וועגן דעם, אַז ס'איז פאָרגעקומען אַ זיצונג פון סוחרים, קליינהענדלער און האַנטווערקער, וואָס האָט באַשלאָסן צו גרינדן אין וואַרשע אַ ווירטשאַפטלעכן ראַט...).

ס'איז דעריבער אויך קיין וואונדער ניט, וואָס דער באַזוך פון ד"ר כהן האָט ניט געגעבן קיין רעזולטאַטן (ניט נאָר צוליב דעם, וואָס גאָר אינגיכן האָט זיך אָנגעהויבן אין אַמעריקע גופא דער גרויסער עקאָנאָמישער קריזיס), ס'איז קיין נייס ניט באַשאַפן געוואָרן, דאָס ביסל הילף איז זיך ווייטער געגאַנגען אין די אויסגעטראָטענע וועגן. און אין וואַרשע איז אַפילו נאָך אין יאָר 1931 אַלץ פאַרבליבן זיצן דער גמ"ח-ד.ד.ק.-פאַרטרעטער מיט אַ ביוראָ, וואָס האָט שוין לאַנג קיין אָרט ניט געדאַרפט האָבן, ווייל די אָרטיקע געזעלשאַפט האָט שוין לאַנג געדאַרפט איבערנעמען אויך די דאָזיקע גמ"ח-טעטיקייט (ווי „טאָז", „צענטאָס" „יעאָס", „אָרט", קאָאָפּעראַציע וכדומה).



קיין ווילנע איז ד"ר כהן געקומען מיטוואָך דעם 24 מאַי 1930, דעם פערטן מאָל אין משך פון די פאַר-מלחמה- און נאָך-מלחמה-יאָרן. אין זעלבן טאָג איז פאָרגעקומען אַ פּלענאַרע זיצונג (פּלענום) פון געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאַ" אין ווילנע צוזאַמען מיט פאַרטרעטער פון פּראָווינץ. נאָך פריער האָט „יעקאָפּאַ" אָרגאַניזירט אַ גאַנצע ריי פאַך-זיצונגען מיט זאַכקענער און פאַרטרעטער פון באַטרעפנדע אינסטיטוציעס און ס'זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ ריי קאָנקרעטע פּלענער פון אַ גרעסערן פאַרנעם. ס'זיינען גענוי באַהאַנדלט געוואָרן פראַגן פון פּראָדוקטיוויזאַציע און איבערשיכטונג און צווישן זיי דער פּראָיעקט פון אוניווערסאַלע אָפּזאַץ-לאַגערן אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות און אַ פּלאַן פון לאַנדווירטשאַפטלעכער טעטיקייט. וועגן די אַלע ענינים זיינען צוגעשטעלט געוואָרן די געהעריקע מאַטעריאַלן. אויף דער זיצונג איז געגעבן געוואָרן אַן אַלגעמיינער בילד וועגן דעם עקאָנאָמישן מצב אויף דער ווילנער פּראָווינץ אויפן יסוד פון די פאָרשונגען, וואָס „יעקאָפּאַ" האָט אונטערגענומען און ס'זיינען אויך אַרומגערעדט געוואָרן די לויפנדע ענינים פון דער אַרבעט, וואָס ווערט שוין געפירט. די אַלע פראַגן און געביטן פון אַרבעט זיינען פאָרגעשטעלט געוואָרן ווי איין גאַנצע זאַך, ניט יעדערע באַזונדער און אָפּגעזונדערט, נאָר ווי אַן איינהייטלעכער קאָמפּלעקס, וואָס פירט דורך פאַרשיידענע וועגן צו איין און דעמזעלבן ציל. ווי אויבן-באַמערקט, זיינען קיין רעזולטאַטן ניט דערגרייכט געוואָרן.

•

די אַלגעמיינע טעטיקייט פון „יעקאָפּאַ" איז געווען אָנגעפירט פון דער עקזעקוטיווע און די דירעקטע אַרבעט פון קאָמיטעט — דורך דער אַרבעטס-ביוראָ אָדער אויספיר-ביוראָ.

פון צייט צו צייט פלעגן אויך פאָרקומען פּלענאַרע זיצונגען (פּלענומס) מיט פאַרטרעטער פון פּראָווינץ.

די אויסגעוויילטע אויף דער ערשטער קאָנפערענץ דעם 10 סעפּטעמבער 1919 עקזעקוטיווע איז באַשטאַנען פון פאָלגנדע 13 פּערזאָן (לויטן א"ב): הרב ר' חיים עוזר גראָדזענסקי, ד"ר י. וויגאָדסקי, י. וואָלק, ל. זאַקהיים, מ. יעווזעראָוו,

ברוך כהן, א. לאַנגבאַרט, אינזש. וו. מאַקאָווער, הרב ש. פריד, נ. א. קאָוואַרסקי, א. רודניצקי, ד״ר צ. שאַבאַד, מ. שאַליט.

אויף דער צווייטער קאָנפערענץ דעם 7 דעצעמבער 1921 זיינען אַריין אין עקזעקוטיווע: הרב ר׳ חיים עוזר גראָדזענסקי, י. וואַלק, מ. יעווזעראָוו, א. לאַנגבאַרט, הרב ש. פריד, נ. א. קאָוואַרסקי, א. קליאַנסקי, הרב י. רובינשטיין, א. רודניצקי, ד״ר צ. שאַבאַד, מ. שאַליט.

אויף דער דריטער קאָנפערענץ דעם 10 מערץ 1924 זיינען אויסגעוויילט געוואָרן אין עקזעקוטיווע פאָלגנדע פערזאָנען: פ. אַנטאָוויל, הרב ר׳ חיים עוזר גראָדזענסקי, ד״ר י. וויגאָדסקי, ד״ר ג. גערשון, י. וואַלק, מ. יעווזעראָוו, א. לאַנגבאַרט, הרב ש. פריד, נ. א. קאָוואַרסקי, א. קליאַנסקי, הרב י. רובינשטיין, א. רודניצקי, ד״ר י. רעגענסבורג, ד״ר צ. שאַבאַד און מ. שאַליט. פאָרזיצער איז געווען ד״ר צ. שאַבאַד, גענעראַל־סעקרעטאַר (און פון יאָר 1926 אויך וויצע־פאָרזיצער) — מ. שאַליט.

•

אין משך פון די לעצטע יאָרן זיינען פאָרגעקומען אַ ריי ענדערונגען.

פ. אַנטאָוויל איז אָפגעפאָרן קיין ארץ־ישראל, נ. א. קאָוואַרסקי — קיין וואַרשע, ד״ר י. רעגענסבורג איז געשטאָרבן, ד״ר ג. גערשון האָט זיך ניט באַטייליקט אין די זיצונגען. ד״ר צ. שאַבאַד, ר׳ חיים עוזר גראָדזענסקי און הרב י. רובינשטיין האָבן זיך אין די לעצטע יאָרן ווייניק פאַרנומען מיט דער אַרבעט פון „יעקאָפאָ״.

פאַר די יאָרן 1919—1931, ד. ה. פון אָנהויב אָן ביז אויף היינטיקן טאָג,— אין משך פון 12 יאָר כסדר, — זיינען אַלזאָ געווען מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע און טוער פון „יעקאָפאָ״ אָן איבעררייס: י. וואַלק, מ. יעווזעראָוו, א. לאַנגבאַרט, הרב ש. פריד, א. קליאַנסקי (פון יאָר 1920 אָן), א. רודניצקי און מ. שאַליט, וועלכער איז אויך געווען די גאַנצע 12 יאָר אָן איבעררייס גענעראַל־סעקרעטאַר פון „יעקאָפאָ״.

די פּראַקטישע אַרבעט איז די גאַנצע צייט אָנגעפירט געוואָרן פון אויספירביוראָ אין באַשטאַנד פון: י. וואַלק, מ. יעווזעראָוו, א. קליאַנסקי און מ. שאַליט, אונטערן פאָרזיץ פון לעצטן.

•

אין משך פון די יאָרן האָבן זיך אין פאַרשיידענע צייטן באַטייליקט אין די זיצונגען אין ווילנע און מיטגעהאָלפן דער אַרבעט פון „יעקאָפאָ״ איבער 120 טוער און פאַכלייט (ניט רעכענענדיק די דעלעגאַטן פון די קאָנפערענצן און די פראָווינציעלע מיטגלידער פון פלענום און אויך ניט די טוער פון די אָרטיקע קאָמיטעטן אין דער פראָווינץ, ז. „אונזער הילף״).

פיל מיטגעהאָלפן דער אַרבעט האָט אויך דער פערסאָנאַל פון „יעקאָפאָ״, וועלכער איז באַשטאַנען פון אַ ריי זייער איבערגעגעבענע מיטאַרבעטער און פונקט ווי די פּאַקטישע פירער פון דער עקזעקוטיווע איז ער אויך פון ערשטן טאָג אָן געשטאַנען אויפן פאָסטן אין משך פון יאָרן אָן איבעררייס. אַז ס׳האָבן זיך געגרינדעט נייע אינסטיטוציעס, וואָס דער געגנט־קאָמיטעט „יעקאָפאָ״ האָט אַרויסגערופן צום לעבן און וועמען ער האָט איבערגעגעבן טיילן פון זיין אַרבעט, זיינען אַ ריי אָנגעשטעלטע אַריבער אַהין, און קודם־כל אין דער צענטראַלער קאָאָפעראַטיווער פאָלקסבאַנק, וואו זיי אַרבעטן ביז איצט, ווי ל. זאַקהיים, א. אייזענבערג, ח. כאַזאַן, ג. מייזל א. א.

•

די ערשטע דירה פון „יעקאָפאָ״ אין ווילנע האָט זיך געפונען אויף זאַוואַלנע 2. סוף מערץ 1919 איז דער קאָמיטעט אַריבער אויף זאַוואַלנע 25, אין דעם געוועזענעם לאָקאַל פון דער צייטונג „לעצטע נייס״ און דערנאָך אויף גר. פאָהולאַנקע 9 (איצט 15). פון יוני 1921 האָט זיך „יעקאָפאָ״ אַריבערגעקליבן אין איין גרויסן לאָקאַל צוזאַמען מיט דער צענטראַלער קאָאָפעראַטיווער פאָלקסבאַנק אויף גר. פאָהולאַנקע 3 (איצט 5), וואו ער געפינט זיך ביז אויף היינטיקן טאָג באַלד 10 יאָר צייט און וואוהין עס איז שפעטער (1926) אַריבער אויך דער ביכערלאַגער. דאָרט געפינט זיך אויך דער אַרכיוו פון „יעקאָפאָ״. חוץ דעם האָט נאָך „יעקאָפאָ״ געהאַט אין די ערשטע יאָרן באַזונדערע לאָקאַלן פאַר די היימלאָזע־ביוראָען און לאַגערן, ווי אויך פאַרן ביכערלאַגער, וועלכער האָט זיך אין 1921—1924 געפונען אין דעם גרויסן לאָקאַל אויף גר. פאָהולאַנקע 18, וואו פריער איז געווען די אַנ—סקי־היים (זע. ז. 55—57).

•

אויף דער זיצונג פון עקזעקוטיווע פון געגנט־קאָמיטעט „יעקאָפאָ״ אין ווילנע דינסטאָג דעם 24־טן פעברואַר 1931, אין וועלכער ס׳האָבן זיך באַטייליקט: ד״ר י. וויגאָדסקי, י. וואַלק, מ. יעווזעראָוו, א. לאַנגבאַרט, הרב ש. פריד, א. קליאַנסקי, א. רודניצקי און מ. שאַליט איז באַשלאָסן געוואָרן צונויפצורופן אָנהויב זומער 1931, נאָכן ערשיינען פון פנקס, די 4־טע געגנט־קאָנפערענץ פון „יעקאָפאָ״, מיט פאָלגנדן סדר־היום:

1) באַריכטן: אַלגעמיינע טעטיקייט; רעפרעזענטאַנץ; יורידישע, אינספעקטאָרישע און אינסטרוקטאָרישע הילף; אויפבויאונג פון חרוב־געוואָרענע פון דער מלחמה הייזער; קינדער־פאַרזאָרגונג און פאַך־בילדונג; גמ״ח־קאַסעס; עמיגראַציע; קולטורעלע טעטיקייט; סטאַטיסטיק און דאַטן וועגן די דורכגעפירטע אַרבעטן אין די לעצטע יאָרן; פינאַנסיעלע באַריכטן. 2) ענדערונג פון סטאַטוט. 3) וואַלן פון עקזעקוטיווע און רעוויזיאָנס־קאָמיסיע. 4) די ווייטערדיקע אַרבעט. 5) אייגענע זאַמלונגען, אויפרופן, ווענדונגען און אַקציעס, שאַפונג פון אַ ספעציעלן פאָנד. 6) די ווירטשאַפטלעכע לאַגע און נייע פאָרמען פון הילף און אויפבוי. 7) 15־יאָריקער (זינט די מלחמה־ און אָקופאַציע־יאָרן און 12־יאָריקער, — זינט 1919) יובל פון „יעקאָפאָ״. 8) פרייע פאָרשלאָגן.

אויף דערזעלבער זיצונג איז אויך באַשלאָסן געוואָרן, נאָכן ערשיינען פון פנקס, צו באַנייען דאָס אַרויסגעבן דעם אָרגאַן פון געגנט־קאָמיטעט „יעקאָפאָ״, דעם זשורנאַל „אונזער הילף״.

•

אָנהויב מערץ 1931 האָבן זיך באַוויזן אין די צייטונגען ידיעות, אַז אין אַמעריקע ווערט ווידער אונטערגענומען אַ נייע ד. ד. ק.־זאַמלונג (דרייוו) מיטן צוועק צו שטיצן די יידישע באַפעלקערונג אין מזרח־אייראָפע.

דער מאָמענט איז באמת געווען אַ זייער שווערער פאַר דער יידישער באַפעלקערונג אין פוילן, וואָס האָט איבערגעלעבט אַ גרויסן עקאָנאָמישן קריזיס אָן נאָענטסטע האָפענונגען און פערספעקטיוון און האָט זיך געפונען אויפן ראַנד פון פאַרצווייפלונג. אָבער אויך אין אַמעריקע האָט געהערשט אַ שטאַרקער ווירטשאַפטלעכער קריזיס,— און דאָך איז דאָרט דער דרייוו פראָקלאַמירט געוואָרן, וואָס פאַרדינט ז׳כער די גרעסטע אָנערקענונג.

אָבער גלייכצייטיק איז שוין געקומען די העכסטע צייט, אַז ס׳זאָל גענוי און דייטלעך באַטאָנט ווערן, אַז די אַמעריקאַנער אָדער אַנדערע הילף פון אויסן, וועלכע איז, האָפנטלעך, בלויז אַ פאַראיבערגייענדיקע ערשיינונג פאַר שווערע צייטן, דאַרף געגעבן און גענומען ווערן נאָר אויף בכבודיקע און ווירדיקע באַדינגונגען און דאַרף געפירט ווערן נאָר אין אויסשליסלעך דורך דער אָרגאַניזירטער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט. דאָס דאָ-

זיקע געלט טאָר ניט דינען ביי קיין שום פאַל און אין ערגעץ ניט פאַר אַ מיטל צו באַקעמפן די יידישע אָרגאַניזירטע געזעלשאַפטלעכקייט, נאָר פאַרקערט דאַרף אונטערשטיצן יעדע אירע שפּראָצונגען. אַנדערש קען עס ניט ברענגען קיין נוצן און וועט לסוף בלויז אַריינטראָגן דעמאָראַליזאַציע און דעזאָרגאַניזאַציע.

איבעריקנס, איז אויך צייט צו דערמאָנען, אַז צום גליק זיינען שוין אַוועק די פעריאָדן פון תמיכה און אַז די הילפּס-אַרבעט, וואָס ווערט געפירט פון דער אָרגאַניזירטער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט, איז אויסשליסלעך אַ פּראָדוקטיווע און מיט דעם גרעסטן אָנטייל פון אייגענע אָרטיקע מיטלען. די אַמעריקאַקער און אַנדערע געלטער פון אויסן, אויף וויפיל זיי זיינען פאַראַן, ווערן מערסטנטייל אומגעקערט צוריק, און אויף דעם וויכטיקסטן און גרעסטן יידישן עקאָנאָמישן געביט (קאָאָפּעראַציע) ווערט דער קערן אומגעקערט אפילו מיט פּראָצענטן.

אין אַ שווערן מצב פון יאוש און פּאַניק איז די יידישע געזעלשאַפטלעכקייט אַריינגעטראָטן אין יאָר 1931. ניט ווייניק אירע אַזוינגערופענע גוטע פריינד האָבן זיך אויפן אַלגעמיינעם פּאָן פון ירידה און אָפּגעלאָזנקייט אַרויסגעוויזן פאַר אירע שונאים. אָבער די צייטן וועלן זיך דאָך בייטן און דער נצחון וועט קומען. די געזעלשאַפטלעכקייט וועט האָבן צו געדענקען די טרויעריקע בלעטלעך און וועט שעפּן פון זיי דערפאַרונג אין די בעסערע און ליכטיקערע טעג פון איר אויפשוואונג און אויפלעבונג.

**מ. שאַליט.**

מערץ, 1931.



געשניצטער ארון-קודש אין דער שול פון זשעטל



„נאַפּאָלעאָנס הויז"
אין סוועטציאן

די אויפשריפט אויפן ברעטל פון הויז:
„DOM NAPOLEONA".
1821 r. Z ganku tego domu Napoleon I w r. 1812 przeglądał swoje wojska, marszerujące na Moskwę. 1921 r.
דאָס ברעטל איז צוגעקלאַפּט געוואָרן צו דער הונדערטסטער יאָרצייט נאָך נאַפּאָלעאָנס טויט (1821—1921).



**ד"ר ל. מ. בראַמסאָן**
געוו. טוער פון פעס. „יעקאָפּאַ", פירער פון „אָרט".

1081



**האַרי פישל**
גזבר פון „היאַס", אַמעריקע.

1032



**ב. וולאַדעק**
טוער פון „היאַס", אַמערי. ע.

1083

די איבעריקע 72 פּאָרטרעטן פון טוער ז. ביי די געהעריקע ברטער אין ביאָגראַפישן לעקסיקאָן פון אונזער פּנקס (איניקע אַנדערע אויך אי רעד.
לוח „פון יאָר צו יאָר" 1926—1929).

# געזעלשאַפטלעכע קאַריקאַטורן.

די קאַריקאַטורן, וואָס ווערן דאָ ווייטער רעפּראָדוצירט, טראָגן אַלע אַ געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער און זיינען אַ דאָקומענט פון זייער צייט.

זיי זיינען געווען אויסגעשטעלט עפנטלעך אין די יאָרן 1921—1923 אויף די אָוונטן פון לערער-פאַראיין, קונסט-געזעלשאַפט, סטודענטן-בעלער און אַנדערע געזעלשאַפטלעכע אונטערנעמונגען אין ווילנע.

די קאַריקאַטורן זיינען געצייכנט פון קינסטלער יעקב שער (אַליין אַ לערער פון מאָלן אין די ווילנער יידישע שולן) און אייניקע פון זיי זיינען בשעתו אויך געווען אַרונטערגענומען אויף קאַרטלעך און פאַרשפּרייט אין הונדערטער עקזעמפּלאַרן.

אין ביטערן געמיט פון שווערע צייטן האָבן זיי אַריינגעטראָגן אַ גוטמוטיקן שמייכל און האָבן געהאַט זייער אַ גרויסן ערפאָלג.

זיי קענען נאָך גילטן אויף פאַר אונזערע טעג.

רעד.




א באַקאַנטע לויה

הארבסט 1921

נאָך דער ליקווידאַציע פון דער אַמעריקאַנער שטיצע

(ז. „אונזער הילף" 1921, נומ' 6)

פון רעכטס אויבן: ד"ר ה. קאָוואַרסקי, ד"ר צ. שאַבאַד, ג. פלודערמאַכער, ב. ליבאַצקי, ז. רייזען, ווירגילי-כהן, ש. ידידאָוויטש.

פון רעכטס אונטן: א. רודניצקי, מ. יעווזעראָוו, מ. שאַליט; ד"ר י. רעגענסבורג; ל. טורבאָוויטש, ד"ר י. בערגער; הרב ש. סריד, הרב י. רובינשטיין, ז. קליינשטיין, א. קרוק, י. שעסקין, ד"ר י. וויגאָדסקי ש. אייזיקאָוו, ג. גאָלדין, מ. נאַדעל, י. צצעל, מ. אַליצקי, א. כ"ץ, מ. סטעניצקי.



די לערער האָבן באַקומען אַ טראַנספּאָרט אַמעריקאַנער זאַכן...

1921 א. א.

פון לינקס אויף רעכטס: מ. יפה, ש. ידידאָוויטש און לייוויק האַרעס גייען פון שמחה אין הקפות מיט די גאַסקעס.



סימפאָנישער אָרקעסטער

דעצעמבער 1921

שווערע ביודזשעט-פערספּעקטיוון פאַר די קולטור-אַנשטאַלטן און לערער.

מען שערט די סובסידיעס.

דער סימפאָנישער אָרקעסטער מאַכט אַן אונטערנעמונג און רופט צו זאַמלונגען.

פון לינקס אויבן: מ. ז. אַק, ר. סימכאָוויטש; י. רובין, י. גיליגיטש, מ. שור.

פון לינקס אונטן: ג. פלודערמאַכער, ווירגילי-כהן, ד״ר ה. קאַוואַרסקי, ליבעצקי;

איבער זײ פון רעכטס: ד״ר צ. שאַבאַד, שטערן.



מיטל-ליטע ביים אויסגיין

פעברואַר 1922

ד״ר מעד. צ. שאַבאַד טאַפּט דעם פּולס און שטעלט דעם דיאַגנאָז, אַז די מלוכה גוססט.




פרילינג 1922

פון לינקס אויף רעכטס אונטן: ד״ר צ. שאבאד, ד״ר ה. קאוואַרסקי, ד״ר גירשאוויטש, דער כירורג ד״ר זארבין, ד״ר י. ראַצעס (אין די ברילן), מ. גראַסמאַן (אונטן).

אין דער צווייטער ריי פון לינקס אויף רעכטס: ד״ר מ. בראַדסקי און פרוי ד״ר פ. בראַדסקין איבער זיי: ה. מ״ק, דער סאַרעס. ד״ר פ. ראַזענטאַל, ד״ר מ. לעווין, פרוי קאַגאַן, פרוי ליבנ׳, ד״ר ליבאַ, פרוי בלאַנקשטיין, (—).



די תליה

פורים-באַל 1923 א. א.

לכבוד פורים האָט מען אויפגעהאַנגען אַ ריי ווילנער כלל-טוער...

פון רעכטס אויף לינקס: ד״ר צ. שאַבאַד, ד״ר י. ווינגאַרסקי, א. ליטוואַק, ז. רייזען, מ. קולבאַק, מ. שאַליט, ד. קאַפלאַן-קאַפלאַנסקי, ד״ר ה. קאַוואַרסקי, י. שער, ד״ר יעדוואַבניק, ירמיהו שאַפירא, פרוי. ע. סמילג.

# פון „יעקאָפּאַ״-אַרכיוו*)

## 1. דער פנקס „שוקדי מלאכה״.

די חברה „שוקדי מלאכה״ אין נאָוואָגרודאָק (וועלכע איז שוין איינמאָל דערמאָנט געוואָרן אין אונזער בוך) איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר תרל״ב (1872) מיטן צוועק אָפּצוגעבן די שטעטלשע פאַרלאָזענע יתומים און אָרעמע קינדער צו בעלי-מלאכות, אויסלערנען זיי אַ פאַך, זאָרגן וועגן זיי אויך גייסטיק, לערנען שרייבן, רעכענען וכדומה און צוגרייטן זיי צום לעבן אַלס זעלבשטענדיקע מענטשן. די חברה עקזיסטירט נאָך ביז צום היינטיקן טאָג, זיך איבערבויענדיק אויף מאָדערנע יסודות. זי האָט געהאַט פיל איבערגעגעבענע טוער (אין דער ערשטער ריי איר גרינדער גרשון הארקאַווי, דערנאָך זיין זון יעקב הארקאַווי און שפּעטער יעקב וואַגנער א. א.), האָט געלאָזן מיט איר וויכטיקער סאָציאַלער טעטיקייט טיפע וואָרצלען אין דער באַפעלקערונג און איז שטאַרק פּאָפּולער. זי פאַרמאָגט איצט אין נאָוואָגרודאָק, צווישן אַנדערע, אַן אייגענעם נייַ-אויפגעבויטן בנין און צוויי בורסעס און ווערט אָנגעזען פאַר דער אינטעליגענץ פון שטאָט. אין די פריערדיקע צייטן האָבן זיך געפּרובט גרינדן און האָבן עקזיסטירט חברות „שוקדי מלאכה״ אויך אַנדערשוואו (זשעטל א. אַ.), אָבער פאַרבליבן ביז איצט איז נאָר די נאָוואָגרודקער „שוקדי מלאכה״, וועלכע איז היינט די איינציקע און פייערט באַלד שוין דעם 60-יאָריקן יובל (אַנדערע רעכענען די דאַטע פון יובל זינט זי איז אויסגעלעבט געוואָרן און צוועקגעשטעלט געוואָרן אויף פעסטע יסודות דורך יעקב הארקאַווי אָנהייב די אַכציקער יאָרן און ווייטער ד. ה. 50 יאָר).

דער פנקס פון דער חברה „שוקדי מלאכה״ אין נאָוואָגרודאָק איז זייער אינטערעסאַנט פאַר יעדן פאָרשער פון אַמאָליקן יידישן כאַציאַלן לעבן און האָט אַ באַזונדערן ווערט פאַר דער פאָרגעשיכטע פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכער אָרגאַניזאַציע פון פאַך-בילדונג צווישן פאָלקסקינדער. ער אַנטהאַלט אַ ריי קאָנטראַקטן צווישן דער חברה מיט די בעלי-מלאכות וועגן די לערן-ייִנגלעך, וואָס די חברה האָט זיי אָפּגעגעבן אויף אַ טערמין; חשבונות פון הכנסה און הוצאה פון דער חברה; אופנים פון פירן די חברה, אירע ציִלן, מקורים פון הכנסה און בנויע תקנות.

מיר ברענגען דאָ ווייטער אין דעם וואָרטלעכן העברעאישן אָריגינאַל (בלויז פאַרריכט אייניקע גרייזן) און אין אַ יידישער איבערזעצונג די אָנגערופענע תקנות פון דער חברה, וואָס פאַרנעמען אין פנקס פון „שוקדי מלאכה״ אַ צענטראַלן אָרט.

רעד.

### די תקנות פון פנקס „שוקדי מלאכה״ אין נאָוואָגרודאָק.

(העברעאישער אָריגינאַל)

א׳ כל איש ואיש אשר ידבנו לבו להכתפה אל החו״ק מחויב לתת דמי קדימה כפי אשר יושת עליו עפ״י רוב דעות מנהיגי הח״ק ולא פחות מן א׳ רו״כ שלשים וחמשה קאפ.

ב׳ מלבד דמי הקדימה מחויב כל איש אשר יסתפח אל הח״ק לקבל עליו ליתן בכל שבוע ושבוע לא פחות משני קאפ. להאנשים אשר יסבבו לגבות דמי השבוע.

ג׳ כל אחד ואחד מבני החבורה מחויב לסבב בעת אשר יושת עליו עפ״י הגבאים לקבץ דמי השבוע ושארי הכנסות השיכות לצרכי הח״ק ואין כל אחד מן החבורה רשאי לפטור א״ע מזה, אם אך יקרא ע״י המשמש עפ״י פקודת הגבאי בחדשו בלי שום דחוי, ואם יסרב שלש פעמים זה אח״ זה אזי יוקנס שלא יונח בקלפי שלש שנים, ואין הבוררים רשאין לתת לו שום התמנות במשך הנ״ל.

ד׳ הנהגת הח״ק תהי׳ עפ״י שני מנהלים, ארבעה גבאים, נאמן אחד, רואי חשבונות, ובעלי תקנות, אשר יובחרו עפ״י קלפי ובוררים כשרים בכל שנה ושנה במוצש״ק שאחר חג השבועות.

*) דער „יעקאָפּאַ״-אַרכיוו פאַרמאָגט לויטן אינווענטאַר-בוך 428 נומערירטע און סיסטעמאַטיזירטע פעק מאַטעריאַלן מיט טויזנטער פּאַפּירן, דאָקומענטן, באַריכטן, אַנקעטע-בויגנס, פאָטאָגראַפיעס און רשימות (חוץ אַ גאַנצער ריי טעקעס מיט קאָרעספּאָנדענץ און דאָקומענטן, פּראָטאָקאָלן און אַנדערע מאַטעריאַלן פון דער לויפנדער אַרבעט, וואָס זיינען נאָך אין אַרכיוו ניט אָפּגעגעבן געוואָרן).

אַ גרויסער טייל מאַטעריאַלן פון אַרכיוו איז שוין אויסגענוצט געוואָרן אין פאַרשיידענע אַרטיקלען פון אונזער פנקס.

דאָ ברענגען מיר בלויז צוויי דאָקומענטן אין אָריגינאַל-אויסצוגן פון צווי צו זאָגן קעגנגעזעצטן כאַראַקטער, — איינעם פון אַ פאַרגאַנגענער עפּאָכע וועגן לערנען פאַרוואָרלאָזטע קינדער מלאכה און אַ צווייטן פון די נייסטע צייטן, וועגן אַ הונגער-יאָר אין ווילנער געגנט.

רעד.

(יידישע איבערזעצונג)

א. יעדער איינער, וואָס וועט פרייוויליק וועלן אַריינטרעטן פאַר אַ מיטגליד אין דער הייליקער חברה, איז פאַרפליכטעט צו צאָלן פאַראויס איינטריטס-געלט וויפל ס׳וועט אַרויפגעלייגט ווערן דורך אַ מערהייט שטימען פון די אָנפירער פון דער חברה, ניט ווינציקער פון אַ רובל מיט 35 קאָפּיקעס.

ב. אויסער דעם איינטריטס-אָפּצאָל איז פאַרפליכטעט יעדערער, וואָס ווערט אַריינגעצויגן אַלס אַ מיטגליד אין דער חברה, נעמען אויף זיך צו צאָלן ניט ווינציקער ווי 2 קאָפּ. אַ וואָך פאַר די, וועלכע וועלן גיין איינמאָנען דעם וואָכער.

ג. יעדער איינער פון דער חברה איז פאַרפליכטעט איינמאָל אין חודש, נאָכדעם ווי דער שמש רופט אים לויטן באַפעל פון די גבאים, — אומבאַדינגט צו גיין איינמאָנען דעם וואָכער-אָפּצאָל אָדער אַנדערע הכנסות, וואָס געהערן צו די באַדערפענישן פון דער חברה און קיינער האָט ניט דאָס רעכט צו באַפרייען זיך פון דעם. אין פאַל, ווען אַ מיטגליד לאָזט זיך בעטן 3 מאָל איינע נאָך די אַנדערע, ווערט ער באַשטראָפט אַזוי: 3 יאָר נאָכאַנאַנד ווערט זיין נאָמען ניט אַריינגעלייגט אין קלפי**) און קיינער פון די וואַלמענער האָבן ניט דאָס רעכט צו קלייבן אים אַלס אָנפירער אין פאַרלויף פון אויבנדערמאָנטן טערמין.

ד. די אָנפירונג פון דער חברה דאַרף באַשטיין פון 2 מנהלים, 4 גבאים, איין נאמן, רואי חשבונות און בעלי תקנות, וועלכע ווערן אויסגעקליבן דורך וואַלמענער, כשרע לויטן גורל, פון דער קלפי אין יעדן יאָר דעם שבת צו נאַכטס, וואָס נאָך שבועות.

ה. אַלע יאָר דעם שבת, וואָס נאָך שבועות, מוזן אַלע מיטגלידער פון דער חברה קומען דאַוונען שחרית און מוסף אין דער שטאָטישער גרויסער שול, וואָס דאָרט וועט אין דער צייט דאַוונען דער שטאָטישער חזן מיטן כאָר, יעדער מיטגליד ווערט דאָרט אויפגערופן צו דער תורה ווי ס׳פירט זיך.

**) בעת די וואַלן פון פאַרוואַלטונג.

ה' בכל שבת קדש שאחר חג השבועות בכל שנה ושנה מחויבים כל בעלי החבורה לבוא להתפלל שחרית ומוסף בביהכ"נ הגדול דעירנו אשר שמה יתפלל הש"ץ דמתא עם המשוררים וכל אחד מבני החבורה יעלה לתורה כנהוג.

ו' על המנהלים מוטל החוב לדרוש מוצא לכסף על הוצאות הח"ק ולהתעסק בכל צרכי הח"ק במסירת הנערים לאומנים ובעלי מלאכות וכן לעשות הקאָנטראַקטין ביניהם ולחתום עליהם בח"י בעת ידרש מהם.

ז' הגבאים מחויבים להיות לעזור ולהועיל בכל צרכי הח"ק. היינו להשגיח בעינא פקיחא על קבלת הכסף בכל שבוע ושבוע ולבחור האנשים אשר יסבבו לקבץ כסף ההכנסה ודמי השבוע, ולהשגיח על הנערים כל עת היותם אצל האומנים שלהם כל משך הקאָנטראַקט.




שער-בלאַט פון פנקס פון דער חברה „שוקדי מלאכה", בעגרינדעט אין נאָוואָגרודאָק אין יאָר תרל"ב (1872).

ח' הנאמן אשר יובחר יקבל ת"י כל הכסף הנאסף לטובת הח"ק ועליו מוטל להביא בחשבון ברור ההוצאה וההכנסה בספרי החשבונות אשר יהיו מונחים ת"י בסדר נכון ואין לו רשות להוציא הוצאה יותר מ"א רו"כ בלי ידיעת אחד מהמנהלים או מהגבאים, ומחויב להראות כל החשבונות בכל עת שידרשו מאתו.

ט' על בעלי התקנות להשגיח אשר הח"ק תתנהג עפ"י התקנה ויוכלו לתקן תקנות חדשות לפי העת והזמן עפ"י הסכם רוב דעות אנשי החברה.

י' רואי חשבונות יעשו חשבון עם הנאמן בדבר ההכנסה וההוצאה בחוהמ"פ ובחוהמ"ס, גם מחויבים בעת עשית הקלפי לעשות חשבון שנתי מההכנסה וההוצאה ולהודיע ברבים עפ"י דבוק חשבון כללי בכל בתי כנסיות ובתי מדרשות שבפה למען ידעו כל אנשי עירנו מתהלוכות החברה וממעשיה, והחשבון הכללי יכתב בפנקס לזכרון.





ו. די מנהלים זיינען דורכאויס פאַרפליכטעט אויסצוגעפינען פאַרשיידענע געלט-קוועלעס אויף די הוצאות פון דער חברה, אויך צו אינטערעסירן זיך מיט אַלע באַדערפעניש פון דער חברה, ווי אָפּגעבן די יינגלעך צו פאַך-לייט און בעלי-מלאכות, ווי אויך מאַכן די קאָנטראַקטן צווישן זיי און זיך אַליין אונטערשרייבן, ווען מ'וועט פאָדערן פון זיי.

ז. די גבאים זיינען פאַרפליכטעט באַהילפיק זיין און נוצן ברענגען אין אַלע באַדערפענישן פון דער חברה ווי צב"ש: אויפמערקזאַם אַכטונג געבן אויף די געלטער, וועלכע ווערן אַריינגעפלאָסן יעדער וואָך, אויסקלייבן די פערזאָנען, וועלכע זאָלן גיין צונויפזאַמלען די הכנסה-געלטער און דעם וואָכער-אָפּצאָל, אויך אַכטונג געבן אויף די לערן-יינגלעך פאַר דער גאַנצער צייט, וואָס זיי געפינען זיך אין רשות ביי זייערע מייסטערס און בעלי-מלאכות אין משך פון טערמין, וואָס איז אָנגעוויזן אין קאָנטראַקט.

ח. דער נאמן, וואָס ווערט אויסגעקליבן, דאַרף תיכף איינקאַסירן די געלטער, וועלכע זיינען אויפגעקליבן געוואָרן לטובת דער חברה און איז דורכאויס פאַרפליכטעט אַריינצופירן מיט אַ קלאָרן חשבון די הוצאה און הכנסה אין די רעכענונגס-ביכער, וועלכע דאַרפן ליגן ביי אים אין דער געהעריקער אָרדענונג און ער האָט קיין רעכט ניט אַליין צו מאַכן אויסגאַבן, וואָס טרעפן אָן מער ווי אַ רובל — אָן דעם וויסן פון איינעם פון די מנהלים אָדער פון די גבאים. ער איז אויך פאַרפליכטעט צו ווייזן אַ רעכענונג, צו יעדער צייט, ווען מען פאָדערט עס פון אים.



עמבלעם פון דער חברה „שוקדי מלאכה" אין נאָוואָגרודאָק.

ט. די בעלי תקנות האָבן די אויפגאַבע אַכטונג צו געבן, אַז די חברה זאָל געפירט ווערן לויטן גייסט פון רעגולאַמין, זיי קענען אויך אַריינברענגען מיטן הסכם פון אַ מערהייט שטימען פון די, וועלכע געהערן צו דער חברה, נייע פונקטן און אויסבעסערונגען, וועלכע וועלן זיך בעסער צופאַסן צו דער צייט.

י. די רואי חשבונות דאַרפן איבעררעכענען צוזאַמען מיטן נאמן די הוצאה- און הכנסה-געלטער, יעדער חול המועד פסח און חול המועד סוכות, אויך זיינען זיי פאַרפליכטעט — ביים דורכפירן די קלפי — צושטעלן אַ יערלעכן באַריכט פון דער הוצאה און הכנסה און פאַרעפנטלעכן אים דורך אויסהענגען אין אַלע בתי-מדרשים און קלויזן, כדי די גאַנצע באַפעלקערונג זאָל זיך קענען אינפאָרמירן וועגן דער פירונג און טעטיקייט פון דער חברה, און דער באַריכט מוז ווערן פאַרצייכנט אין פנקס צום אָנדענקען.

יא. ווען ס'קומט די צייט אָפּצוגעבן קינדער צו פאַך-לייט און בעלי-מלאכות, דאַרפן צונויפגערופן ווערן די מיטגלידער פון חברה, ווי ס'איז אויבן דערקלערט געוואָרן, און זיי דאַרפן פאַרהערן די יינגלעך און לייגן אַכט אויף זייערע פעאיקייטן און עלטער, כדי צו וויסן צו וועלכער אַרבעט זיי וועלן זיין צוגעפאַסט און פעאיק.

י"א ביה"ע התור למסור הנערים לאומנים ובעלי מלאכה אזי מחויבים להתקבץ כל אנשי החברה המבוארים לבחון הנערים ולשים עין על כשרונותיהם ושנותיהם למען ידעו לאיזה מלאכה המה ראוים ומוכשרים.

י"ב אם יתקבצו נערים רבים אשר לא תהי' ביכולת הח"ק לתת כלם לבעלי מלאכה אזי משפט הבכורה לנערי עירנו החוזרים על הפתחים, יתום מאב ואם קודם לכל, יתום מאב או מאם קודם לשאינו יתום, ואם לא יהי' להנערים דין קדימה זה על זה אזי יוטל גורל ביניהם וכל מי שיזכה בגורל ימסר לבעלי מלאכה כפי תקנות החברה, ואם ימצא נער שניכר בו כשרונות טובים לאומנות או למלאכה אזי רשות בידי המנהלים והגבאים לתת לו דין קדימה כפי ראות עיניהם.

י"ג אין רשות להח"ק למסור נער לבעל מלאכה יותר מעל ארבע שנים.

י"ד הח"ק מחויבת ליתן להבעל מלאכה הכסף הנדרש בעד למוד המלאכה כפי אשר יתפשרו ע"י קאָנטראַקט שנכתב בפנקס הח"ק וכן מחויבת להלביש ולהנעיל את הנערים כל משך הקאָנטראַקט, והכסף אשר יוחזר מהבעל מלאכה כפי הקאָנטראַקט שייך להחברה.

ט"ו הח"ק מחויבת לשכור מלמד עבור הנערים שיהי' אצל הבע"מ, ללמוד אתם בכל שבת ויו"ט תורה או חיי אדם לכל נער ונער כפי הראוי לו.

ט"ז טוב מאוד זה המות ויבולע המות לנצח, אם יעדר ח"ו אחד מאנשי הח"ק מחויבים כל בני הח"ק ללוותו לבית עולמים ולהתפלל בבית הנעדר כל ימי שבעה למען יהי' מרגוע לנפשו הטהורה ומחה ד' דמעה מעל כל פנים. אמן סלה ועד.

---

אלה הם התקנות אשר קבלו עליהם החתומים מטה, הלא המה בכתובים, ויזכו כל החתומים פה באריכות ימים ושנים והיו מעשי הצדקה שלום וד' ישפות שלום להם. ויקוים בהם הכתוב: ד' אלקים יצמח צדקה ותהלה נגד כל הגוים, ויהי כנהר שלומך וצדקתך כגלי הים. באנו עהח"מ היום יום אלף ששה ימים לחודש כסלו שנת י"ת"ב"ר"ך.

נאום נאום

דאָ קומען 2 רייען אונטערשריפטן, וואָס דער גרעסטער טייל פון זיי זיינען ניט לעזבאַר. צוזאַמען באַטרעפן זיי 88.

תקנה י"ז נוספה בהסכם מנהלי הח"ק יום ד' 26 אייר שנת תרמ"א לפ"ק

י"ז אם תספחנה אל הח"ק בנות נדיבות ותקבלנה עליהן כל התקנות המבוארות מעל"ד אזי תעשנה להן פנקס מיוחד אשר יהי' חלק שני מהפנקס הזה ותוכלנה לחוות דעתן בעניני הח"ק כמונו.

נאום רב הממשלה ח. יעלין

נאום . . . . (ניט לעזבאַר)

נאום חיים ב"ר אברהם משה אַשעלאָווסקי

נאום נחום קאַבאַק

נאום מיכל קאַבאַק

יב. אויב ס'וועט זיך אָנקלייבן אַ גרויסע צאָל קינדער, וואָס די חברה וועט ניט האָבן די מעגלעכקייט אָפּצוגעבן זיי אַלעמען צו בעלי-מלאכות, דאַן מוז מען אומבאַדינגט אין דער ערשטער ריי אָפּגעבן צו בעלי-מלאכות די שטאָטישע יינגלעך, וועלכע גייען בעטלען איבער די הייזער. אַ יתום אָן אַ פאָטער און מוטער איז בילכער פון אַלעמען, אַ יתום אָן אַ פאָטער אָדער אָן אַ מוטער איז בילכער ווי ניט קיין יתום. אין פאַל, ווען ס'וועלן ניט זיין אַזעלכע באַרעכטיקטע, דאַרף מען וואַרפן גורל צווישן די יינגלעך און די, וועלכע וועלן זוכה בגורל זיין, וועלן אָפּגעגעבן ווערן צו בעלי-מלאכות לויטן רעגולאַמין פון דער חברה. אויב ס'וועט זיך אָפּזוכן אַ יינגל מיט גוטע פעאיקייטן און נייגונגען צו אַ וועלכן ניט איז פאַך אָדער אַרבעט, דאַן האָבן די מנהלים און גבאים דאָס רעכט לויט זייער אייַנזען צו נעמען אים אין אַ פריערדיקע ריי.

יג. די חברה האָט ניט קיין רעכט אָפּצוגעבן אַ יינגל צו אַ בעל-מלאכה אויף אַ טערמין לענגער ווי 4 יאָר.

יד. די חברה איז פאַרפליכטעט צו צאָלן דעם בעל-מלאכה אַ סומע געלט וויפיל ס'פאָדערט זיך פאַר אויסלערנען דעם פאַך, לויט ווי ס'איז אָפּגעמאַכט געוואָרן אין קאָנטראַקט, וואָס ווערט פאַרשריבן אין פנקס פון דער חברה און איז אויך פאַרפליכטעט שוכן און קליידן די יינגלעך די גאַנצע צייט, וואָס איז אָנגעוויזן אין קאָנטראַקט. דאָס געלט, וועלכע ווערט צוריק אויסגעצאָלט פון די בעלי-מלאכות לויטן קאָנטראַקט, געהערט צו דער חברה.

טו. די חברה איז מחויב צו דינגען אַ מלמד — פאַר די יינגלעך, וואָס וועלן זיך לערנען ביי בעלי-מלאכות — ער זאָל לערנען מיט זיי תורה אָדער חיי אדם, מיט יעדן יינגל ווי ס'פּאַסט פאַר אים.

טז. באַשערט איז דער טויט, און דער טויט זאָל איינגעשלונגען ווערן אויף אייביק. אויב ס'וועט חס ושלום שטאַרבן אַ מיט-גליד פון דער חברה, זיינען פאַרפליכטעט אַלע מיטגלידער פון דער חברה באַגלייטן אים צו זיין אייביקע רו און דאַוונען אין הויז פון פאַרשטאָרבענעם די שבעה-טעג, כדי ס'זאָל זיין אַ רו פאַר זיין הייליקער נשמה. און גאָט זאָל אָפּווישן די טרערן פון אַלע געזיכטער אמן סלה ועד.

---

דאָס זיינען די תקנות, וואָס האָבן אָנגענומען די אונטן-אונטערגעשריבענע, וועלכע זיי זיינען אַלע פאַרשריבן, און זאָלן זוכה זיין אַלע, וואָס זיינען דאָ אונטערגעשריבן, מיט לאַנגע יאָר, און זאָל די וואוילטעטיקע אַרבעט זיין אַ פרידלעכע און גאָט זאָל זיי באַגנעדיקן מיט פרידן, און זאָל אויף זיי מקוים ווערן ווי אין פסוק שטייט: „ד' אלקים יצמח צדקה ותהלה נגד כל הגויים ויהי כנהר שלומך וצדקתך כגלי הים". מיר אַלע שרייבן זיך אונטער היינט, זונטאָג דעם 6-טן טאָג אין חודש כסלו אין יאָר י"ת"ב"ר"ך [תרל"ב — 1872].

דאָ קומען 88 אונטערשריפטן.

פונקט יז. אַ הוספה מיטן הסכם פון די אָנפירער פון דער חברה מיטוואָך דעם 25-טן אייר אין יאָר תרמ"א לפ"ק [1881].

יז. אויב ס'וועלן אַריינטרעטן אין דער חברה פרויען און וועלן אָננעמען די אַלע תקנות, וואָס זיינען דערקלערט געוואָרן אויף דער פאָריקער בלאַט, דאַן דאַרף מען פאַר זיי מאַכן אַ באַזונדערן פנקס, וואָס וועט זיין אַ צווייטער טייל פון דעם פנקס און זיי וועלן קענען אַרויסזאָגן זייער מיינונג אין די ענינים פון דער הייליקער חברה צוגלייך ווי מיר.

## 2. דער הונגער אין ווילנער פראווינץ אין יאר 1929.

וועגן דער אימגערעטעניש און פרויסגערוסענעם דורך איר הונגער אין א טייל פון ווילנער געגנט אין יאר 1929, וואס ווארפט א שיין בכלל אויף דעם שווערן, תמיד אומזיכערן און אפהענגיקן עקאנאמישן מצב פון דער שטעטלשער יידישער באפעל-קערונג, האבן מיר שוין דערמאנט אין אייניקע ערשטע פון פנקס (זע ז. 359—360 און 451—453).

דא ברענגען מיר א פאר בעריכטן פון יענער צייט, וואס דער בעפולמעכטיקטער פון „יעקאפא" האט צונויפגעשטעלט אויף די ערטער און צוגעשיקט אין קאמיטעט אין צוזאמענהאנג מיט דער באטרעפנדער הילפס-אקציע און אויספארשונג פון דעם מצב.

רעד.

די לאגע אין דיסנער קרייז איז צוליב די פאלגן פון דער שרעקלעכער אומגערעטעניש פון פאריקן זומער ממש א קאטאסטראפאלע. עטוואס בעסער איז די לאגע אין דעם סאמע דרומדיקן טייל פון דעם קרייז (גלובאקער געגנט). דארטן איז די גערעטעניש לגבי דעם גאנצן איבעריקן קרייז געווען מיט א 50—100 פראצענט בעסער. אבער אויך דארטן האט שוין לאנג די דארפישע באפעל-קערונג קיין אייגענעם ברויט ניט. וואס איז נוגע דעם איבעריקן גרעסטן טייל פון דעם קרייז — איז אלץ, וואס מ'האט פארזייט אויף די פעלדער, פארלארן געגאנגען. אפילו די פויערים, וואס האבן צו 2—2 וואלאקעס (25—35 העקטאר) ערד, הונגערן אויך. זיי פארקויפן אויס זייערע פי (פיל קי זיינען געפאלן צוליב די פרעסט אויף די פיס, און טויגן שוין סיי-ווי-סיי צו גארניט אין דער ווירט-שאפט) צו ביליקע פרייזן, כדי ווי עס איז צו דערהאלטן די נשמה. פארן געלט, וואס זיי באקומען, קויפן די פויערים קארן, וועלכע מ'פירט צו אהער פון פויזן. איצט האבן זיי שוין גענומען ארויספירן אויף די מערק (אין דיסנע און אין דאקשיץ) מלבושים, שטיוול, ווי אויך שטוב-חפצים (סאמאווארן, קישנס א. אז. וו.). אבער אויף די אלע זאכן זיינען ניטא קיין קונים. מוזן עס די פויערים פירן צוריק אהיים, פארלירנדיק אזוי-ארום די האפענונג צו קענען עס אויסבייטן אויף ברויט. קיין זייטיקע פארדינסטן האט היינטיקס ווינטער דער פויער אויך ניט. דער וואלד-מסחר, דער פ-יוואטער, איז כמעט ווי אינגאנצן אפגעשטעלט. די רעגירונגס-וועלדער ווערן געארבעט „גאספאדארטשים ספא-סאבעם", ד. ה. אויף דער אייגענער רעכענונג, אונטער דער אנפירונג און השגחה פון די „לעסניטשעס". די רע-גירונג, פארשטייט זיך, איז ניט אויף אזויפיל פאראינטערעסירט, ווי א פרי-וואטער וואלד-סוחר, וועלכער מוז האבן גלייך דאס געלט, אום, וואס עס זאל ניט קאסטן, אבי נאר ארויספירן די סחורה פון וואלד. היינטיקס ווינטער איז עס, אגב, זייער א שווערע אויפגאבע. אלע וועגן זיינען פארשאטן מיט א טיפן שניי. איך בין געפארן אין א לייכטן



שליטן פון דער סטאנציע זיאבקי קיין דיסנע (35 קמ.) גאנצע 8 שעה. די אויסגעפארענע וועג איז הויך און שמאל. די אמתע צרה איז, ווען עס קומט אויס זיך צו מיידן מיט אנטקעגנדיקע פורן. אונזער פערד האט ביים מיידן זיך 2 מאל זיך ממש דערטרונקען אין שניי, און נאר מיט גרויס מי האט מען אים ארויסגעשלעפט פון דארטן. די דערפער זיינען איבער די דעכער פארשאטן מיט שניי, און אין די וועלדער, וואו עס ליגט דאס האלץ-מאטעריאל, איז ממש ניט צוצוקומען. די הויפטזעלעכע און כמעט איינציקע פרנסה פון היגן פויער אין ווינטער, די „וואזקע", האט זיך אינגאנצן אפגעהאקט. דא, אין גאנצן דיסנער קרייז, איז שטארק אנטוויקלט די פלאקס- און זוימען-פראדוקציע און דער מסחר מיט די דאזיקע ארטיקלען. כמעט יעדער פויער פלעגט אין משך פון ווינטער ארויספירן אויפן מארק צום פארקויפן א 10 בערקאוועץ (40 פוד) פלאקס, פאר וועלכע ער פלעגט אפלייזן פון 2.500 ביז 3,000 זל. דאס גאנצע געלט פלעגט ער לאזן אין שטאט, איינ-שאפנדיק זיך פאר דעם אין די קראמען מלבושים, שכווארג און אלץ, וואס איז אים נויטיק אין דער ווירטשאפט. אין פאריקן זומער איז דער פלאקס אויפן פעלד טיילווייז צעפוילט און טיילווייז אויסגעפרארן געווארן. די גערעטעניש פון פלאקס איז אין 4 מאל קלענער ווי אין א געוויינלעכן יאר, און דער פלאקס אליין איז פון דעם געמיינסטן סארט. אויף דעם מין פלאקס זיינען כמעט קיין קונים ניטא. אין בעסטן פאל קען דער פויער אפלייזן פאר א בערקאוועץ פלאקס 25—30 זל. זיין הכנסה פון דעם וויכ-טיקסטן פראדוקט, וועלכן די ערד גיט דא ארויס, האט זיך פארקלענערט כמעט ווי אין 50 מאל לגבי א געוויינלעכן יאר. די דאזיקע הכנסה גיט אים איצט ניט אפילו די מעגלעכקייט צו פארזארגן די פאמיליע מיט ברויט און די פי מיט פוטער, שוין אפגערעדט פון דעם, אז ער זאל עס קענען פארווענדן אויף אנדערע נויטווענדיקייטן (מלבושים, שיך א. אז. וו.). דערביי מוז באמערקט ווערן, אז לעבנסמיטל-פראדוקטן, און דערהויפט כוטער פאר פי, האלטן דא זייער שטייף



אין פרייז, ווייל דער געגנט אליין האט היינטיקס יאר גארניט ניט געגעבן פון די אלע פראדוקטן, און מען מוז עס ברענגען ווייט פון דער פרעמד. ליידט טאקע די דארפישע באפעלקערונג (אין איר גרעסטן טייל) נויט און הונגער. צוליב דער שלעכטער דערנערונג און שטרענגען ווינטער איז צווישן איר שטארק פארשפרייט די גריפע און לונ-גען-אנצינדונגען (אין דאקשיצער גמינע). ווי מען האט מיר איבערגעגעבן אויף דער סטאנציע פאדסווילע, זיינען פא-ראן אין א טייל דערפער אויך פאלן פון פלעקטיפוס, אזוי, אז פיל פויערישע פאמיליעס קלייבן זיך אריבער פון זייערע דערפער, וואו עס הערשט די מחלה, אין פרעמדע, מורא האבנדיק פאר אן אנשטעקונג.

וואס עס איז נוגע דער יידישער באפעלקערונג האבן די פאלגן פון דער אומגערעטעניש אויך איר, כאטש אום-דירעקט, נאר זייער שווער געטראפן. סיי די פראסלער (די אויפקויפער פון פלאקס און תבואה, די פארמיטלער צווישן פויער און גרויסן סוחר) און טרעפלער (די, וואס ארבעטן אויס דעם פלאקס), סיי די קרעמער, האנטווערקער, קאראבעלניקעס, פורמאנעס א. אז. וו. — אלע ליידן גלייך פון שווערן קריזיס, און אלע געפינען זיך ממש אין א קא-טאסטראפאלן מצב.

אין אלע שטעט און שטעטלעך פון דיסנער קרייז זיינען פאראן א גרויסע צאל יידישע פראסלער און טרעפלער. אין דיסנע, למשל, א שטאט, וואו עס וואוינען ביי א 600 יידישע פאמיליעס, האבן א פערטל פון זיי, ד. ה. ביי א 150 פאמיליעס געלעבט פון טרעפלע-ריי. אין יעדער פאמיליע האבן זיך פארנומען מיט דעם 2—3 פערזאן. דער פארדינסט פון א טרעפלער האט זיך געוואקלט פון 3 ביז 8 זל. א טאג, אפהענגיק פון דער ארבעטספעאיקייט און דער ספעציאליטעט אין דער אר-בעט. די טרעפלער און פראסלער האבן געוויינלעך אין דער סעזאן-צייט, אום-געפער פאר 6—7 חדשים, פארדינט אויף א גאנצן יאר חיונה. איצט שטייען זיי אלע זייער שלעכט. מ'האט ניט אויפן טאג לעבן. מ'ויצט אן ברויט און אן

האַלץ. זייער אָרעמקייט און דחקות איז ממש ניט צו באַשרייבן. די פּראָסלער שטייען נאָך ערגער דערמיט, וואָס זומער-צייט האָבן זיי צעטיילט דאָס ביסל אייגענע און נאָך מער פרעמדע געלט די פויערים, אַלס אויפגאַבן אויף די נייע תבואות פון דער גערעטעניש פון פאַריקן זומער. אַם ענדע האָבן די פויערים ניט געקענט אָפּגעבן ניט קיין תבואה און ניט קיין געלט, וואָס איז ביי זיי געבליבן שטיין אַלס חוב, וועלכער וועט ביי אַ גרויסן טייל פון די פויערים אינגאַנצן פאַרלאָרן גיין. אויך האָבן די פּראָסלער אין אָנהויב פון היי-יאָריקן סעזאָן איינגעקויפט פאַר מזומן גרעסערע אָדער קלענערע פּאַרטיעס פלאַקס, ניט פאַראויסזעענדיק, אַז צוליב זיין שלעכטער קוואַליטעט וועט ער ניט האָבן קיין אָפּזאַץ. די סחורה ליגט נאָך עד-היום ביי זיי. ניט האָבנדיק פּשוט קיין ברויט אין שטוב און זייענדיק באַלאַסטעט מיט גרויסע חובות, וועלכע מען מאָנט ביי זיי שטאַרק, געפינען זיי זיך איצט אין אַ פאַרצווייפלטער לאַגע.

די בעלי-מלאכות אין די אַלע פונקטן פון דיסנער קרייז, וועלכע איך האָב באַזוכט, זיצן שוין זינט האַרבסט 1928 יאָר אָן אַרבעט. די בעסטע בעלי-מלאכות, וועלכע האָבן ביז היינטיקס יאָר גוט פאַרדינט און האָבן קיינמאָל ניט געוואוסט פון נויט, זיצן שוין חדשים לאַנג אָן ברויט און אָן האָלץ. אויסבאַקן אַ גאַנצן געבעק ברויט פאַרמאָגט קיינער ניט. מ'קויפט צו איינציקע קילאָס מעל און מ'באַקט פון דעם פלעצלעך אויף וואַסער. דער פאָרזיצער פון דאָקשיצער האַנטווערקער-פאַראיין האָט מיר איבערגעגעבן וועגן דער לאַגע פון די אָרטיקע יידישע בעלי-מלאכות שוידערלעכע פּרטים. אויך אין די אַלע איבעריקע שטעטלעך פון דיסנער קרייז איז דער מצב פון די האַנטווערקער דערזעלבער, ווי אין דאָקשיץ.

דער מצב פון די קרעמער איז אויך אַ קריטישער. די פויערים קויפן קיין זאַך ניט אויסער לעבנס-מיטל-פּראָדוקטן. אין משך פון כמעט דעם גאַנצן ווינטער זיינען קיין מערק ניט פאָרגעקומען, צוליב די מוראדיקע פרעסט און שניי-זאַווערוכעס. די קראָמען טראָגן אָפילו ניט אויף אַ פערטל חיונה. און אַזוי ווי לעבן מוז מען, אויך מוז מען צאָלן גרויסע שטייערן (אויב מ'צאָלט ניט, שרייבט גלייך אָפּ דער סעקוועסטראַטאָר די סחורה אין קראָם) — האָבן ס'רוב קרעמער שוין לאַנג אויפגעגעסן דעם קליינעם אייגענעם קאַפּיטאַל, און מען לעבט איצט אויף פרעמדע געלט (אויף די געלט פון די פרעמדע קרעמער, ביי וועלכע מען נעמט סחורה, אָדער פון די מלוים, ביי וועלכע מ'האָט גענומען הלוואות אויף פּראָצענט). די באַקאַנטע פויערים, די פריערדיקע קונדן אין קראָם, שטייען צו מ'זאָל זיי געבן די סאַמע נויטיקסטע אַרטיקלען אויף קרעדיט, ביז דער קומענדיקער גערעטעניש. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז די יידישע קרעמער זיינען לגמרי ניט ביכולת צו אַנטקעגנקומען זייער פאַרלאַנג. דאָס רופט אַרויס אַ שנאה פון הונגעריקן פויער צום יידישן קרעמער, וועלכן ער האַלט פאַר רייך, ווייל ער זעט ביי אים אין קראָם מעל און גרויפּן, צוקער און זאַלץ וכדומה נאָך אַזעלכע אַרטיקלען, וועלכע דער פויער באַרט זייער צו האָבן, אָבער וועלכע ער האָט קיין שום מעגלעכקייט ניט אָן געלט צו באַקומען.

פון די פאָלגן פון דער אומגערעטעניש ליידן אויך די קאַראַבעלניקעס, פורמאַנעס א. אַז. וו. די ערשטע האָבן איצט ניט וואָס צו טאָן אין דאָרף, צוליבן הונגער און אָרעמקייט פון פויער. צוליבן שטילשטאַנד אין פלאַקס-מסחר, ווי אויך צוליב דעם אַלגעמיינעם שווערן קריזיס אין האַנדל, האָבן אויך די פורמאַנעס איצט ניט קיין אַרבעט. אַזוי-אַרום האָט דער קריזיס אַלעמען, אָן אויסנאַם פון וואָסער באַשעפטיקונג אָדער פאַך ער איז, שווער געטראָפן.

אויסערדעם, זיינען דאָ כמעט אין אַלע שטעטלעך מענטשן, וואָס האָבן פריער געאַרבעט אַלס אָנגעשטעלטע אין דער האָלץ-בראַנזשע, און איצט זיינען זיי אַרבעטסלאָז. דער פריוואַטער האָלץ-מסחר האָט זיך אָפּגעשטעלט צוליב דעם, וואָס מ'גיט דאָ ניט אַרויס קיין נייע דערלויבענישן אויף צו האַקן וועלדער. און די רעגירונג צו דער אַרבעט אין אירע וועלדער באַגייט זיך מיט אירע אייגענע מענטשן. אַ טייל פון די פריערדיקע אָנגעשטעלטע לעבן דערווייל פון די אָפּשפּאָרונגען, וואָס זיי האָבן געמאַכט אין דער גוטער צייט, ווען זיי האָבן נאָך געהאַט אַרבעט, וועלכע ווערט גוט באַלוינט אין דער דאָזיקער בראַנזשע. אָבער צווישן זיי זיינען שוין פאַראַן אויך אַזעלכע, וועלכע לעבן אין אַ שרעקלעכער נויט און אָרעמקייט.

באַזונדערס שלעכט איז די לאַגע אין דיסנע און דאָקשיץ. די יידישע באַפעלקערונג אין די ביידע שטעט איז אַ גאַנץ באַדייטנדע, איבער 2.000 נפשות אין יעדערער. צוליב דער נאָענטקייט פון גרעניץ (דיסנע ליגט אויף דער סאָמער סאָוועטישער גרעניץ און דאָקשיץ 5 קמ. ווייט פון איר), זיינען די ביידע שטעט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין טויטע פונקטן. צוויי דריטל פון זייער סביבה, פון וועלכער יעדער גרעסערער פונקט ציט געוויינלעך זיין השפעה, איז אָפּגעשניטן דורך דער גרעניץ. דער צופאָר צו זיי איז זייער אַ קליינער, און דער אָרטיקער מסחר איז שטאַרק באַגרענעצט. דיסנע, אויסערדעם, ליגט איצט ווייט פון אַ באַן-סטאַנציע (פאַר דער מלחמה 12 קמ., איצט ביי 40 קמ.), און 4 חדשים אין יאָר (2 אין פרילינג און 2 אין האַרבסט) איז זי אַזוי ווי אָפּגעשניטן (ווייל דער גאַנצער געגנט אַרום איר איז אַ ליימיקער און אַ זומפּיקער) פון דער גאַנצער וועלט. דאַן איז אַלץ ווי אָפּגעשטאָרבן, מ'זעט ניט קיין פויער אין שטאָט, ס'קומען אויך ניט פאָר קיין מערק, און אַלע — קרעמער, קליינהענדלער און האַנטווערקער — זיצן מיט פאַרלייגטע הענט, ניט האָבנדיק וואָס צו טאָן. דער האָלץ-ספּלאַוו איבער דער דיסנענקע און דווינע, וועלכע פלעגט פריער אַריינברענגען אין שטאָט אַלע יאָר אַ 20.000 (צוואַנציק טויזנט) זל. ריינעם ריוח, איז אין די לעצטע צוויי יאָר געווען אַ נישטיקער, און ער וועט אויך אויף להבא בלייבן אַזעלכער, צוליב דעם, וואָס מ'גיט דאָ ניט קיין נייע דערלויבענישן אויף צו האַקן וואַלד.

די אָרטיקע הילף פאַר די געפאַלענע פאַמיליעס ווערט געשאַפן און געגעבן לויט דעם אַמאָליקן יידישלעכן שטייגער: דורך פאָרן, וועלכע זאַמלען איבערן שטאָט נדבות פאַר דעם אָדער יענעם געפאַלענעם בעל-הבית. אַ גרויסע צאָל אַזעלכע זאַמלער-פאָרן באַזוכן טאָגטעגלעך יעדע יידישע הויז. פאַר וועמען עס ווערן געקליבן די נדבות — בלייבט אַ סוד פון די זאַמלער, און נאָר זעלטן ווייסן וועגן דעם נאָך אַ פּאָר זייטיקע מענטשן. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אין דיסנע זיינען זאָגאָר געווען פאַלן, וועגן וועלכע מ'האָט זיך נאָכדעם דערוואוסט, אַז די זאַמלער האָבן געזאַמלט די נדבות גאָר פאַר זיך אַליין. קיין שווינדל זיינען זיי אָבער, חלילה, דערמיט ניט באַגאַנגען, ווייל די זאַמלער מיט זייערע פאַמיליעס זיינען אַליין אַמשווערסטן געטראָפן פון קריזיס, און זיצן שוין לאַנג אָן ברויט און אָן האָלץ.

אין דיסנע איז אויסער דעם מין הילף, וועלכן איך האָב אויבן באַשריבן, אָרגאַניזירט געוואָרן אויך אַ שטאָטישע געזעלשאַפטלעכע רעטונגס-אַקציע, וועלכע אַרבעט אונטערן נאָמען „בית-לחם". מיט דער הילפס-אַקציע פירט אָן אַ קאָמיטעט פון עלטערע און יינגערע מענטשן.

די אַ׳טיווע אַרבעטער זיינען אָבער אַלע פון דער יוגנט. די שטאָט איז איינגעטיילט אין 6 קוואַרטאַלן. יעדער קוואַרטאַל ווערט באַאַרבעט פון אַ באַזונדער פּאָר פון דער יוגנט, וועלכע באַזוכן אַלע דאָנערשטאָג די הייזער, וואו מ׳ ען נאָר עפּעס באַקומען פאַר דער אָרעמקייט: ברויט, גרויפּן, הערינג, צוקער, ציקאָריע, זאַלץ, פליש, מילך א. אַ. וו. ווי אויך מזומן-געלט. פרייטאָג פרי ווערט עס אַלץ פאַרטיילט אין לאָקאַל פון קאָמיטעט. אָרעמע, וואָס גייען אַליין איבער די הייזער, קענען גאָרניט באַקומען אין „בית לחם״. ביי אַ 70 פאַמיליעס איז די לעצטע וואָך אַרויסגעגעבן געוואָרן שטיצע פון „בית לחם״. פאַר יעדער פאַמיליע איז איינגעטיילט געוואָרן 5—7 פונט ברויט, צו עטלעכע ווייצענע בולקעס, צו פּאָר הערינג א. אַ. וו. פליש און מילך גיט מען נאָר פאַר קראַנקע. אויסער די פאַמיליעס, וואָס קומען נעמען די שטיצע, ווערט נאָך אַ באַוואוסטער צאָל פאַמיליעס די שטיצע אַריינגעשיקט אין שטוב אַריין. פאַראַן אַזעלכע, וועלכע קענען בשום אופן ניט גובר זיין זייער בושהגעפיל און זיינען ניט אימשטאַנד אויסצושטרעקן די האַנט נאָך אַ נדבה. ווי די זאַמלער האָבן מיר איבערגעגעבן, זיינען געווען פאַלן, ווען מען האָט זיי אין אייניקע פאַמיליעס אָפּגעגעבן פאַרן „בית-לחם״ דאָס לעצטע, וואָס עס איז געווען אין שטוב, וועגן וואָס זיי האָבן זיך ערשט נאָכדעם צופעליק דערוואוסט. אין דיסנע האָט מען מיר אָנגעוויזן אויף גאַנצע גאַסן (דער וואוינאָרט פון די יידישע טרעגער, פּראָסלער, קאַראַבעלניקעס א. אַ. וו.), די איינוואוינער פון וועלכע עס הונגערן. אָבער ווער ווייס, ווי האַלט עס מיט אַ טייל קרעמער און הענדלער, וועלכע די גרויסע שטייערן און דער שווערער קריזיס האָבן פולשטענדיק צערואינירט? אין דאָקשיץ, למשל, איז מיר אויסגעקומען צו באַקענען זיך מיט דער לאַגע פון אַ פּאָר קרעמער, וועלכע, ווי מיר איז באַוואוסט געווען, האָבן נאָך מיט 3—4 יאָר צוריק געפירט גרויסע געשעפטן און זיינען געשטאַנען זייער גוט. איצט האָט זיי דער קריזיס און די שטייערן אויף אַזויפיל צערואינירט, אַז אויב זיי זאָלן דאַרפן אויסצאָלן אַלע חובות, וואָס זיי זיינען שולדיק, דאַן וועט אויסער דאָס ביסל סחורה, וואָס זיי האָבן נאָך אין קראָם, ניט זיין גענוג אויף דעם. ווען אַפילו זיי וועלן פאַרקויפן זייערע הייזער און דאָס גאַנצע ביסל באַלעבאַטישקייט זייערע. קיין לייזונג איז אַבסאָלוט ניטאָ, און אויף צו צאָלן אַ וועקסל לייגט מען אוועק די גאַנצע כּוחות. אָפּשטעלן זיך צו צאָלן קען מען אָבער ניט, ווייל דאַן וועט קיינער אַפילו אַ פוד מעל ניט באָרגן, און מ׳וועט אויסגיין ממש פון הונגער. די מורא, אַז לייט זאָלן זיך ניט דערוויסן וועגן דעם אמתן מצב איז ביי זיי אַזוי גרויס, אַז אַפילו אין דער אייגענער שטוב, איבערגעבנדיק מיר די פּרטים פון זייער לאַגע, האָבן זיי גערעדט שטילערהייט, און מ׳האָט פריער אַרומגעקוקט די צימערן, צי איז דאָ ניטאָ ווער עס איז אַ פרעמדער ביי די קינדער. די פרוי פון איינעם פון די קרעמער האָט מיר געזאָגט, אַז זי זעט פאַר זיך נאָר איינאיינציקן אויסגאַנג פון זייער לאַגע — „פון בריק און אין וואַסער״ — ווייל די אַרטיקע קריסטן, וועמעס געלט זיי האַלטן אויף פּראָצענט, וועלן סיי-ווי-סיי דערגיין זיי דעם לעבן. אַ געוועזענער אָנגעשטעלטער ביי דער האָלץ-בראַנזשע, וועלכער איז שוין מער ווי 6 חדשים אַרבעטסלאָז, ביי וועמען די גאַנצע פאַמיליע האָט איבערגעקרענקט אויף אַ שווערער גריפּע און וועמען מ׳טרייבט איצט פון דער דירה, ווייל ער האָט ניט מיט וואָס צו צאָלן דירה-געלט, האָט פאַר מיר זיך אויסגעדריקט אויך אויף אַזאַ אופן, אַז אויסער אַ „שטריקל״ זעט ער ניט פאַר פאַר זיך קיין ישועה. אין דאָקשיץ איז מיט 3 חדשים צוריק אָנגעקומען פון אַמעריקע 300 דאָלאַר אויף דרינגענדע הילף און מ׳האָט די סומע צעטיילט צווישן 150 אָרעמע פאַמיליעס. אָבער אַזעלכע פאַמיליעס, וועגן וועלכע איך דערצייל דאָ, און וועלכע זיינען פאַראַן געוויס אין שטעטל ניט ווייניק, האָבן פון די שטיצע-געלט גאָרניט ניט באַקומען, ווייל זיי זיינען ביי קיינעם ניט פאַררעכנט פאַר אָרעמע. אויך האָט מען זיי געוויס ניט אַריינגעשטעלט אין צעטל פון די נויטבאַדערפטיקע, וועלכן דער אַרטיקער מאַגיסטראַט האָט צונויפגעשטעלט און אין וועלכן עס זיינען אַריין ביי אַ 150 יידישע פאַמיליעס. לויט אַלץ, וואָס מ׳הערט זיך אָן אין די שטעטלעך פון דיסנער קרייז, דערהויפּט אָבער אין דאָקשיץ און דיסנע, קען מען מיט זיכערקייט אָננעמען, אַז איבער 50 פּראָצ. פון דער יידישער באַפעלקערונג אין דעם קרייז זיינען דערגאַנגען ביז דער לעצטער מדרגה פון אָרעמקייט, פאַר וועלכע עס שטייט איצט אין איר גאַנצער האַרבקייט די פראַגע פון טעגלעכן ברויט.

ש. כּהן.

דיסנע, 16 מערץ 1929.



מיט ניי-פאָהאָסט האָב איך פאַרענדיקט מיין רייזע איבער בראַסלאַווער קרייז. דער קרייז האָט פיל מער געליטן פון דער אומגערעטעניש, ווי דער סווענציאַנער. אַלץ, וואָס מען האָט פאַרזייט אין האַרבסט 1927 יאָר (קאָרן) און אין פרילינג 1928 יאָר (זומערתּבואות, קאַרטאָפל, פלאַקס א. אַ. וו.), איז פאַרלאָרן בעגאַנגען. אַפילו היי און אַנדערע פוטער-גראָזן זייגען ניט געוואַקסן. די פויערשע באַפעלקערונג זיצט שוין פון האַרבסט אָן ברויט און קאַרטאָפל. דאָס פי הונגערט. די קי פאַלן פון שוואַכקייט אויף די פיס, און מ׳פאַרקויפט זיי פאַר די פעל. כּדי דאָס אויסגעהונגערטע פי זאָל ניט אומקומען פון די שטאַרקע קעלטן, האָט די פויערשע באַפעלקערונג עס אַריינגענומען צו זיך אין די הייזער אַריין. אַלע מענטשן, קי, שעפּסן, און חזירים וואוינען צוזאַמען. די ענגשאַפט און שמוץ אין די הייזער איז דעריבער אַ שרעקלעכע. צוזאַמען מיטן הונגער רופט עס אַרויס עפּידעמישע קראַנקייטן. שוין אין סווענציאַנער קרייז האָט מען מיר איבערגעגעבן וועגן פאַלן פון פלעקטיפוס אין די דערפער. איצט האָב איך געהערט וועגן אַזעלכע פאַלן אין בראַסלאַווער קרייז (אין מיאָרער גמינע). די באַוואוסטע פאַלן זיינען, אמת, איינצלנע. אָבער ווער קען עס וויסן, וואָס עס טוט זיך אין די פאַרוואָרפענע דערפער, צווישן דער שרעקלעכן פאַרהונגערטער און פאַראָרעמטער פויערשער באַפעלקערונג, וואָס האָט אַפילו ניט די מעגלעכקייט צו ווענדן זיך צו אַ דאָקטאָר נאָך מעדיצינישער הילף.

די לאַגע פון דער יידישער באַפעלקערונג אין די שטעטלעך פון בראַסלאַווער קרייז, וואָס איך האָב באַזוכט, איז ממש אַ פאַרצווייפלטע. דירעקט זיינען געטראָפן פון קריזיס די יידישע קאָלאָניסטן ערד-אַרבעטער, וועלכע וואוינען אין די צוויי גרעסערע יידישע ערד-אַרבעטער - קאָלאָניעס דרויסק און דובינאָווע, ווי אויך אין אַלע שטעטלעך און אין פיל ישובים פון דעם קרייז. דער גרעסטער טייל פון די קאָלאָניסטן האָבן שוין ניט קיין ברויט און ניט קיין קאַרטאָפל פאַר זיך און ניט קיין פוטער פאַר די פי. וועגן זריעה אויפן קומענדיקן יאָר איז שוין אָפּגערעדט, אַז קיינער פון זיי האָט ניט. עס איז ממש ניט צו פאַרשטיין, ווי אַזוי וועלן זיי דורכלעבן דעם ווינטער און פרילינג, ביז דער נייער גערעטעניש. די הילף, וואָס זיי קענען באַקומען פון דעם קלענערן טייל שטייפערע קאָלאָניסטן,

אָדער פון די געציילטע מ'שטיינס געזאָגט, פאַרמעגלעכערע איינוואוינער פון די קאָלאָניעס (געמיינט די קרעמער), איז אַ נישטיקע. מ'האָט געגרינדעט אין די קאָלאָניעס אַ „לחם-אביונים", מ'שיקט אַריין די שכנים, וואָס ליידן הונגער, פון צייט צו צייט, כלומרשט בתורת הלואה, אַ לעבל ברויט. אָבער „דעם הונגעריקן איז שווער צו זאַט מאַכן", בפרט נאָך, אַז זאַטע זיינען דאָ אַ קליינע צאָל, וועלכע פאַרקלענערט זיך פון טאָג צו טאָג, און די צאָל פון די הונגעריקע וואַקסט כסדר.

אָבער אויך די לאַגע פון דער שטעטלשער יידישער באַפעלקערונג אין דעם קרייז איז אַ קאַטאַסטראָפאַלע. דער עקאָנאָמישער מצב פון דער יידישער באַפעלקערונג אין דעם קרייז איז שוין פון פריער אָן געווען אַן אָפגעשוואַכטע. ענערגיש און קאָנסעקווענט ווערט דאָ געפירט דורכן סיימיק די טענדענץ אַריינצונעמען דורך די קאָאָפעראַטיוון, וועלכע עס עפענען זיך מיט זיין הילף אין אַלע שטעטלעך פון בראַסלאַווער קרייז אונטערן נאָמען „ראָלניק", אַלס אָפּטיילונגען פון דעם גרויסן רייכן קאָאָפעראַטיוו „ראָלניק" אין בראַסלאַוו גופא, אַלע צווייגן פון די יידישע פרנסות אין זיינע הענט, אָנהייבנדיק פון דעם תבואה-, פלאַקס- און זוימען-האַנדל און ענדיקנדיק מיט בעקערייען. פון די קראָם-אַרטיקלען פעלן נאָך מאַנופאַקטור און לעדער-סחורות, אָבער פון דעם קומענדיקן זומער אָן וועלן זיי אויך איינגעפירט ווערן. אַנדערע פאַרשיידענע פלענער בנוגע אויסברייטערן די טעטיקייט פון די קאָאָפעראַטיוון (דאָס עפענען פון רעסטאָראַנען, טיי- און ביר-לאָקאַלן א. אַ. וו.) וואַרטן נאָך אויף זייער פאַרווירקלעכונג. אַלס פועל יוצא פון דער פלאַנמעסיקער טעטיקייט, וואָס האָט דעם צוועק אַרויסצושטויסן די יידן פון קליינהאַנדל און קרעמעריי, איז דאָס, וואָס די יידישע קרעמער און קליינהענדלער אין די שטעטלעך פון דעם קרייז זיינען אַראָפּ פאַר די לעצטע פאַר יאָר ביז דער לעצטער מדרגה. די הונגער-קאַטאַסטראָפע פון דעם לעצטן יאָר האָט זיי פולשטענדיק צערואינירט. דער פויער אַלס קאָנסומענט קומט איצט אינגאַנצן ניט אין רעכענונג. דער האַנדל מיט תבואה און פלאַקס איז אָפּגעשטאָרבן. קאָרן און די איבעריקע תבואות ברענגט מען אַהער פון די וויטע פוילישע געגנטן מיטן באַן וואַגאָנעסווייז. דאָס דינט אָבער ניט אַלס געגנשטאַנד פון האַנדל. עס גייט דורך גרעסטנטיילס דורך די קאָאָפעראַטיוון אָדער דורכן סיימיק. צוליב פריציייטיקע פרעסט איז דער היגער פלאַקס, וועלכער איז אין נאָרמאַלע יאָרן געווען דאָ אַ גרויסער אַרטיקל פון מסחר, היינטיקס יאָר פון זייער אַ געמיינער קוואַליטעט. די פרייזן לגבי דעם פאָריקן ווינטער (ווען אויפן מאַרק פלעגט מען ברענגען הויפטזעכלעך גוטע סאָרטן פלאַקס) איז אין 6—7 מאָל קלענער (אַ יידישער קאָלאָניסט פון דרויסק האָט היינטיקס יאָר אָנשטאָט 8 בערקאָוועץ פלאַקס (80 פוד) אַראָפּגענומען פון פעלד נאָר דאָס העלפט (4 בערקאָוועץ=40 פוד) און אָפּלייזן פאַרן גאַנצן פלאַקס קען ער מער ניט ווי אַ 100—150 זל., אָנשטאָט וואָס אין פאָריקן יאָר, ווען די קוואַליטעט פון פלאַקס איז געווען אַ בעסערע, האָט ער פאַר די 40 פוד געקענט האָבן אַ 600—800 זל.). פי איז צוליב דעם פולשטענדיקן מאַנגל אין פוטער זייער ביליק און קיין האַנדל ווערט מיט דעם ניט געפירט.

די יידישע קרעמער און קליינהענדלער זיינען פאַרצווייפלט און נידערשלאָגן. זיי שטייען אויפן ראַנד פון אַ תהום דחקות און ליידן, אָבער זיי זיינען אינגאַנצן אָנמעכטיק און האָבן ניט קיין שום מיטל, ווי אַזוי אַרויסצוראַטעווען זיך פון דער שווערער לאַגע און אויסצומיידן די שרעקלעכע קאַטאַסטראָפע, וואָס רוקט זיך אויף זיי אָן.

אָבער אויב אַ טייל קרעמער ראַנגלט זיך נאָך מיט די לעצטע כוחות פאַרן קיום און וואַרפט זיך אויף אַלע זייטן, לעבט נאָך דערווייל ווי עס איז, ניט אָפּגעבנדיק זיך קיין קלאָרן דין-וחשבון, צי מען פאַרלעבט אָן אייגענעם, צי אַ פרעמדן גראָשן — זיינען שוין די בעלי-מלאכות (און אויך אַ טייל קליינהענדלער) געקומען צו דער לעצטער מדרגה. דער קליינהאַנדל, ווי שוין פריער געזאָגט, איז טויט. אָבער אויך די מלאכה איז אויסגעגאַנגען. צי קען אַ פויער קלערן וועגן עפּעס מאַכן, נייען זיך, ווען ער און די פאַמיליע און אַפילו די „סקאָט" זיינע הונגערן ממש, הונגערן שרעקלעך, גרויזאַם? אין ניי-פאַהאָסט האָב איך אָנגעטראָפן פויערים מיט געשוואָלענע פון הונגער פנימער, דעם ספּעציפישן געלבלעך-בלייכן הויט-פאַרב פון געזיכט, וועלכע מ'האָט שוין זינט דער יאָר 1919 ניט געזען אין אונזערע געגנטן. דאָ, אין ניי-פאַהאָסט, איז קאַרטאָפל אַ זעלטענער מאכל אַפילו אין פאַרמעגלעכע הייזער. אויף די פעלדער איז אין פאָריקן זומער ממש גאָרניט ניט געראָטן. אין פיל שטעטלעך פון בראַסלאַווער קרייז האָב איך געטראָפן אַ מאַסע קריסטלעכע בעטלער, וועלכע ווילן בשום אופן ניט נעמען אַ געלט-נדבה, און בעטן זיך רחמים צו שענקען זיי אַ שטיקל ברויט. זעלבסטפאַרשטענדלעך, קלערט קיינער ניט ביי אַזאַ לאַגע וועגן שיך, מלבושים, תיקונים אין הויז אָדער ווירטשאַפט. די יידישע בעלי-מלאכות אין די שטעטלעך זיינען שוין פון האַרבסט אָן אַרבעטסלאָז. צווישן זיי הערשט אַ שרעקלעכער דלות, נויט און דחקות. אין אַלע שטעטלעך האָב איך געקענט זען פאַרן, וועלכע קלייבן פאַר דעם אָדער יענעם געפאַלענעם בעל-מלאכה אויף ברויט אָדער האָלץ. די פרטים, וואָס מען האָט מיר איבערגעגעבן אין די אַלע שטעטלעך וועגן דעם לעבן פון די בעלי-מלאכות (און טיילווייז אויך פון די קליינהענדלער), זיינען ממש שוידערהאַפטע. ניט נאָר קיין פלייש, מילך, פוטער קומען שוין לאַנגע חדשים אין זייערע הייזער ניט אַריין, נאָר מען ציטערט און מען טרייסלט זיך דאָרט איבער יעדן שטיקל פאַרצערטן ברויט. פון פרי שפּאָרט מען אָפּ אַ שטיקל ברויט אויפן אָוונט, און די גאַנצע נאַכט שלאָפט מען ניט צוליב דער דאגה, מיט וואָס וועט מען אָנקאָרמענען די קליינע קינדערלעך מאָרגן אינדערפרי. און די נויט און הונגער האָט זיך איצט אַריינגעקליבן אַלץ אין אַזעלכע הייזער, וואו מען איז נאָך מיט אַלע כוחות פאַרזאָרגט אים צו פאַרדעקן און באַהאַלטן פון אַ פרעמדער אויג. דאָס זיינען אַלץ בעלי-מלאכות, וואָס האָבן שטענדיק געהאַט אַרבעט, האָבן גוט פאַרדינט און זייערע פאַמיליעס האָט ניט געפעלט קיינמאָל קיין ברויט און נאָך עפּעס צום ברויט. עס האָבן איצט ניט קיין אַרבעט און ליידן הונגער אַפילו אַזעלכע בעלי-מלאכות, וועלכע זיינען ספּעציאַליסטן אין זייערע פאַכן. אַ קאַטאַסטראָפע מיידט קיינעם ניט אויס.

אין מיאָר האָט מען מיר איבערגעגעבן וועגן אַ פאַל, אַז די פאַמיליע פון אַ גוטן בעל-מלאכה דערנערט זיך שוין זינט אַ באַוואוסטע צייט מיט קלייען פאַרמישטע מיט וואַסער. צופעליק האָט עס אַ שכן באַמערקט. ווער ווייס אָבער וויפיל עס זיינען דאָ נאָך אַזעלכע פאַלן, וועלכע די אומגליקלעכע סטאַרען זיך זאָרגפעלטיק צו באַהאַלטן פון פרעמדע מענטשן? נאָר די אויסגעצערטע, בלייכע געזיכטער פון די דערוואַקסענע און פון די קליינע קינדער זאָגן עדות וועגן די גרויסע ליידן, וואָס ווערן אין דער שטיל איבערגעטראָגן. דערהויפּט איז גרויס דער מיטלייד אויף די קינדער.

יעדע שטעטל אָרגאַניזירט ביי זיך הילפס-קאָמיטעטן אונטערן נאָמען „לחם אביונים" מיטן צוועק צו העלפן די הונגעריקע. אָבער אַלע זיינען זייער צעבראָכן, יעדע מזומנע זלאָטע האָט אַ גרויסן ווערט, ווייל קיינער האָט איר ניט, און די מיטלען, וואָס די קאָמיטעטן שאַפן אין שטעטל, זיינען זייער קליינע אין פאַרגלייך מיט דער גרויס פון דער נויט.

**ש. כהן.**

ניי-פאַהאָסט, 2 מערץ 1929.



# פּערזאָנען, וועלכע האָבן אין פאַרשיידענע ציַיטן מיטגעהאָלפן דער אַרבעט פון „יעקאָפּאָ".

(ניט גערעכנט די מיטגלידער פון עקזעקוטיווע, פּלענומס און קאָנפערענצן פון „יעקאָפּאָ".
גענויער, ווי אויך וועגן די איבעריקע ז. די ביאָגראַפיעס און די געהעריקע ערטער אין טעקסט לויטן אינדעקס).

| | |
|---|---|
| פון פּעטערבורגער „יעקאָפּאָ" | מ. א. מאָדעל. |
| פון ד. ד. ק. | ד"ר ב. באָגען ז"ל, איסידאָר הירשפעלד, ז. און ד. שווייצער, ד"ר בערנאַרד כהן, ד"ר ווערנער סענאַטאָר. |
| פון אַמעריקאַנער פאַרטרעטער | לייטנ. שיין, קויפמאַן, ד"ר באַנאָוו, ד"ר שמידט, ד"ר גאָלוב, ברידער גערשטענזאָנג, קאָוואַלסקי, לעוו, צוקער. אָרטיקע — אַדאָלף קראַקאָווסקי, באַטשקאָ. |
| פון „יק"א" | עמיל מאירסאָן, לואי אונגער, סטאַניסלאַוו גאָלדע. |
| פון לאָנדאָנער אוקראַינער קאָמיטעט | ד"ר ד. יאָכעלמאַן, א. קייזער. |
| פון „היאַס" | א. העלד, יעקב מייזל, א. שליוגער, לעווין-עפּשטיין. |
| פון „היקעם" | מ. קריינין, עדואַרד אונגער, א. בענדזשאַמין. |
| פון יתומים-פאַרבאַנד אין וואַרשע | מענדל שניאורסאָן, ל. נייַשטאַט (גלייכצייטיק אויך פון ד. ד. ק.), א. גאָלדין. |
| פון די געוו. באַפולמעכטיקטע פון פּעטערבורגער „יעקאָפּאָ" | ש. אַנ—סקי ז"ל, י. ווערניק, אַדוו. א. גומענער. |

## פון אַמעריקאַנער באַזוכער.

י. ביליקאָוו, ד"ר מ. ספּיוואַק ז"ל, הוגאָ פּאַם, פייזער ז"ל, ריכטער פישער, פרענקל, דוד ברוין, האַרי פישל, ברעסלער, היימאַן.

## מיטגעאַרבעט מיט טוער פון די אָרטיקע געזעלשאַפטן.

| | |
|---|---|
| קהילה | ד"ר י. בערגער. |
| „אָרט" | אינזש. ש. פיינשטיין, דאַווידאָוויטש-לוואָוויטש, אַגר. ה. פייגין, ש. וויקטאָראָוו, אינזש. ל. פרענקל, אינזש. גאַקנער, ש. קאָווארסקי. |
| „אָזע" | ד"ר יאַבראָוו, ד"ר י. ראַפּעס, ד"ר ה. קאָווארסקי, ד"ר געלמאַן. |
| געוו. מעדיציניש-סאַניטאַרע צענטראַלע | ד"ר ג. גערשון. |
| „משמרת חולים" | ש. ברוידאָ, ד"ר וו. פּערעלמאַן. |
| פּראָדוציר-קאָאָפּעראַטיוון | אינזש. י. אָקון, מ. עלקין. |
| „הילף דורך אַרבעט" | אינזש. א. קלעבאַנאָוו, אַדוו. ווילענסקי, ד"ר א. מאַקאָווער ז"ל. |
| פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען | ה. וואַלט, ל. וויינשטיין, רבקה עפּשטיין. |

## מיטהילף פון פאַכלייט.

אַרכיטעקטאָרן: פּ. סמאַרגאָנסקי, ב. ליפּאָווסקי, ד. ראָזענהויז; טעכניקער: קאַמיענעצקי, קורגאַן; אַגראָנאָמען: לאַנדוי, פּיטאָווסקי (פון יק"אָ) — ז. אויך „אָרט"; אַדוואָקאַטן: עוזר פינקעלשטיין, י. יאָכוועד, ש. אייגעל, ב. רובאַשעוו, מ. א. זאַקאָן; דאָקטוירים — ז. „אָזע"; אינזשענערן — ז. „אָרט".

## רעליעפן, לאַנדסמאַנשאַפטן.

פאַרטרעטער פון אַ גאַנצער רײ רעליעפן, ד. ה. הילפס-קאָמיטעטן פון לאַנדסמאַנשאַפטן אין אַמעריקע, זיינען די ערשטע יאָרן, קומענדיק קיין אייראָפּע, געשטאַנען אין אַן ענגן קאָנטאַקט מיט „יעקאָפּאָ" אין ווילנע, וועלכע פלעגט זיי געבן אַלע נויטיקע אָנווייזונגען בנוגע זייערע שטעטלעך און אופן פון פאַרטיילן די הילף. אין די אַלע פאַלן פלעגט די הילף פאַרטיילט ווערן אַממערסטן פּראָדוקטיוו און אָרגאַניזירטערהייט. דאָס קען מען ניט זאָגן וועגן אַנדערע פאַלן (ז. אויבן ז. 626).




# אינדעקס

## פון נעמען, זאַכן און ענינים,

### וואָס ווערן דערמאָנט אין פּנקס

## ג







## ד

## ה







## ו

## צ



## ק

ר



ש

# די פֿאַרפֿלייצונגס-קאַטאַסטראָפֿע.

ביים סאַמע שליסן דעם פּנקס קומט אונז אויס צו פֿאַרצייכענען אַ נייעם אומגליק, וואָס האָט געטראָפֿן די שטאָט ווילנע און דערהויפּט אַ ריי פּונקטן פון דער פֿיל-געפּרובטער און אויסגעמאַטערטער ווילנער פּראָווינץ אין די טעג פון 23—27 אַפּריל 1931. ס'איז פֿאָרגעקומען אַ פֿאַרפֿלייצונגס-קאַטאַסטראָפֿע, וואָס האָט נאָך ניט געהאַט איר גלייכן אין דער געשיכטע פון דער געגנט לויט דער גרויזאַמקייט און די צושטערונגס-פֿאָרמען, וואָס זי האָט אָנגענומען.

די גענויערע פּרטים זיינען באַשריבן אין דער פּרעסע פון יענער צייט.

מיר ווילן דאָ בלויז ברענגען אַ פּאָר טעלעגראַפֿישע מעלדונגען, וואָס „יעקאָפּאָ" האָט באַקומען אין יענע טעג:

דיסנע (טעלעגראַפֿיש). „24 אַפּריל, $15^{55}$ (געגאַנגען פון גלובאָקע). די שטאָט איז פֿאַרגאָסן מיט וואַסער. די דווינע האָט זיך פֿאַראייניקט מיט דער דיסנענקע. די שטאָט איז אַ פֿאַרטרונקענער אינזל. אַ פּאַניק. מענטשן ראַטעווען זיך דורך די פֿענסטער אויף לאָדקעס. די היזקות זיינען קאָלאָסאַל".

דרויע (טעלעגראַפֿיש). „25 אַפּריל, $17^{25}$. צוליב דער אומגעהויערער פֿאַרפֿלייצונג, וואָס אַזאַ איז נאָך קיינמאָל ניט געווען אין דרויע, האָבן 80% פון דער יידישער באַפֿעלקערונג פֿאַרלאָזן זייער האָב און גוטס אין וואַסער, זיינען פֿאַרבליבן אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ און אָן קיינע שום מיטלען. חוץ דעם האָט די הערשנדע עפּידעמיע פון פֿלעקטיפֿוס צוזאַמען מיט דער פֿאַרפֿלייצונג פֿאַרהאַלטן יעדע באַוועגונג. די היזקות זיינען זייער גרויס. ס'איז נויטיק תּיכּף מאַטעריעלע הילף".

די פֿאַרפֿלייצונג האָט קודם-כּל גראָד געטראָפֿן אייניקע פון די פּונקטן, וואָס זיינען בכלל אַמערסטן רואינירט און זיינען אויסגעשעפּט פון די פֿריערדיקע קאַטאַסטראָפֿעס (הונגער, אומגערעטעניש א. אַז. וו. — ז. אויבן).

רעד.



# אויף די חורבות פון מלחמות און מהומות

# פנקס

פון געגנט=קאָמיטעט „יעקאָפּאָ"

אונטער דער רעדאַקציע פון **משה שאליט**

1919 — 1930

ווילנע – תרצ"א



הילע-צייכענונג פון פנקס

פ א ר ב א נ ד

# פון די יידישע קאאפעראטיווע געזעלשאפטן אין פוילן

פ ע ר י א ָ ד י ש ע  א ו י ס ג א ַ ב ע ס :

## „די קאאפעראטיווע באוועגונג"

צענטראל־ארגאן פון פארבאנד פון די יידישע קאאפ. געזעלשאפטן אין פוילן

חודש־זשורנאל, געגרינדעט אין יאָר 1924. אויפלאַגע: 3000 עקז. רעדאקטאָר א. י. פראוואלסקי

**„די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג"** איז געווידמעט די פּראָבלעמען פון דער יידישער קאָאָפּעראַציע אין פוילן און אַנדערע לענדער.

**„די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג"** אינפאָרמירט איבער דער אַלגעמיינער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג אין גאַר דער וועלט.

**„די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג"** איז די איינציקע יידישע ווירטשאַפטלעכע צייטשריפט אין גאַנץ פוילן.

אבאנאמענטס־פרייז: 12 זלאָטעס יערלעך

אדרעס: Redakcja „Ruch Spółdzielczy", Warszawa, Rymarska 6

## „פארן פאלק"

פּאָפּולערע קאָאָפּעראַטיווע צייטשריפט, געגרינדעט אין יאָר 1928. — דערשיינט יעדן חודש.

אויפלאַגע: דורכשניטלעך 15.000 עקזעמפּלאַרן.

**„פאַרן פאָלק"** באַהאַנדלט אין אַ פּאָפּולערער פאָרם אַלגעמיין־ווירטשאַפטלעכע און קאָאָפּעראַטיווע ענינים.

**„פאַרן פאָלק"** פירט אַ ברייטע פּראָפּאַגאַנדע פאַרן קאָאָפּעראַציאָן געדאַנק און פאַר דער שפּאָר־אידעע.

פרייז פון אַן איינצלנעם עקזעמפלאַר: 10 גראשן

אדרעס: Redakcja „Farn Folk", Warszawa, Rymarska 6

## „קאאפעראטיווער טאשן־לוח"

דערשיינט פון 1928 אָן יעדן יאָר.

אנטהאַלט חוץ אַ וואָכן־קאַלענדאַר און נאָטיץ־בלעטלעך אַ ספּעציעלן קאָאָפּעראַציאָן לוח מיט אָנווייזונגען פאַר די קאָאָפּעראַטיווע טוער, וואָס זיי דאַרפן דערליידיקן יעדן חודש, אָן אַלגעמיינע און יידישע קאָאָפּעראַטיווע כראָנאָלאָגיע, די קאָאָפּעראַטיווע און באַנק־געזעצגעבונג, אַלגעמיינע און יידישע קאָאָפּעראַטיווע סטאַטיסטיק, רעגולאַמינען פאַר דער אינערלעכער טעטיקייט פון אַ קרעדיט־קאָאָפּעראַטיוו, תקנות וועגן שפּאָר־פקדונות, וועקסל־ און שטעמפּל־שטייער און פאַרזיכערונגס־פאָרשריפטן, ביאָגראַפיעס פון קאָאָפּעראַטיווע טוער, ציטאַטן פון באַקאַנטע קאָאָפּעראַטיווע שריפטשטעלער און פאַרשיידענע אַנדערע זייער וויכטיקע אַלגעמיינע און קאָאָפּער. אינפאָרמאַציעס.

פ ר י י ז : 2.50 ז ל א ט ע ס.

## יארבוך פון די פארבאנדס־קאאפעראטיוון

דערשיינט יעדן יאָר פון 1927 אָן.

גענויע סטאַטיסטישע ידיעות און אַנאַליז פון אַלע פאַרבאַנדס־קאָאָפּעראַטיוון.

פ ר י י ז : 8 ז ל א ט ע ס

## סטאַטיסטישע ידיעות פון די פאַרבאַנדס־קאָאָפּעראַטיוון

דערשיינט צוויי מאָל אַ יאָר (אויפן 1־טן יאַנואַר און 1־טן יולי). — פ ר י י ז : 2 ז ל א ט ע ס.

מ י ט  ב א ש ט ע ל ו נ ג ע ן  ז י ך  ו ו ע נ ד ן :

Związek Żydowskich Towarzystw Spółdzielczych w Polsce, dział wydawnictw,
Warszawa, Rymarska 6. P. K. O. 24.980.

# „פאָלקסגעזונט"

## אילוסטרירטער צווייוואָכיקער פּאָפּולער-וויסנשאַפטלעכער זשורנאַל פאַר פראַגן פון היגיענע און מעדיצין

אויסגאַבע „טאָז"—„אָזע", ערשיינט אין ווילנע פון יאָר 1923 אָן, 9 יאָר כסדר

אונטער דער רעדאַקציע פון ד"ר צ. שאַבאַד. סעקרעטאַר פון רעדאַקציע: ש. לאַקערמאַן.

## די צילן און אויפגאַבן פון „פאָלקסגעזונט":

1. לערנט ווי זיך צו פאַרהיטן פון קראַנקייטן; 2. לערנט ווי צו האָדעווען און פלעגן זויגקינדער; 3. גיט אָפּ אַ ווירקלעכן אָרט פאַר היגיענע פון דער פרוי און פאַר פראַגן פון געשלעכטלעבן; 4. באַהאַנדלט פראַגן פון פּראָפעסיאָנעלער היגיענע, אויסוואַל פון פּראָפעסיע אאַז"וו; 5. גיט אין בריוו־קאַסטן תשובות אויף פאַרשיידענע פראַגן; 6. גיט אָפּ אַ געהעריקן אָרט פאַר פראַגן פון געזעלשאַפטלעכער מעדיצין בכלל און יידישן געזונטשוץ בפרט.

## די וויכטיקסטע פראַגן, וואָס ווערן באַהאַנדלט אין „פאָלקסגעזונט":

1. דער בוי און די אַרבעט פון די אָרגאַנען פון מענטשן; 2. היגיענע און דערציאונג פון קינד; 3. קינדער-קראַנקייטן; 4. היגיענע פון דער פרוי; 5. היגיענע פון יחיד; 6. דאָס געשלעכטלעבן; 7. פּראָפעסיאָנעלע היגיענע; 8. היגיענע פון שפּייז; 9. קלעפּיקע קראַנקייטן; 10. אויגנקראַנקייטן; 11. האַרצקראַנקייטן, נערוונקראַנקייטן א"א; 12. ווענערישע קראַנקייטן; 13. היגיענע פון הויט און האָר; 14. וויסנשאַפטלעכע פראַגן; 15. געזעלשאַפטלעכע מעדיצין; 16. פאַרשיידענע; 17. ביבליאָגראַפיע; 18. בריווקאַסטן (תשובות אויף פאַרשיידענע אָנפראַגן).

### מ י ט אַ ר ב ע ט ע ר:

ד"ר ז. ביכאָווסקי, ד"ר א. בירזאָווסקי, ד"ר נ. בלאָך, צ.-ד"ר גוטמאַן, ד"ר ל. וואָלמאַן, ש. זשילקעוויטש, ד"ר גרשון לעווין, ד"ר י. לייפונער, ד"ר לייזעראָוויטש, ד"ר ה. לעווין, ד"ר מ. לענסקי, ד"ר מילייקאָווסקי, ד"ר מ. פעקער (וואַרשע); פּראָפ. מ. אייגער, ה. אַבראַמאָוויטש, חנה בלאַנקשטיין, ש. באָסטאָמסקי, ד"ר י. ביבער, ד"ר ס. בראָדסקאַ, ד"ר א. גאָלדמאַן, ד"ר ג. געלמאַן, ד"ר ג. גערשון, ד"ר וויערא גערשון ז"ל, ד"ר א. גלאַבוס, ד"ר מ. גירשאָוויטש, צבי ניסן גאָלאָמב, ד"ר מ. גאַרפיין ז"ל, צ.-ד"ר ר. גירשאָווסקי, שוו. שפרה גרענאַדער, ד"ר מ. וויינרייך, ד"ר א. ווירשובסקי, ד"ר זאַרצין, ד"ר ל. חיים ז"ל, ש. לאַקערמאַן, ד"ר א. ליבאָ, ד"ר א. לידסקי, ד"ר ש. לעוואַנדע, ד"ר מ. לעווין, ד"ר לערענמאַן, שוו. דבורה סאָקאָלאָוויטש, ד"ר י. פייגענבערג, ד"ר פערגאַמענט, ד"ר וו. פערעלמאַן, ד"ר ה. קאָוואַרסקי, מאַג. פנחס קאָן, פּראָפ. קאַראַסאַ-קאַרבוט, ד"ר אַלכּסנדר קאַפּלאַן, ד"ר פ. ראָזענטאַל ז"ל, ד"ר י. ראַפּעס, ד"ר י. רוטשניק, ד"ר ה. רייזנער, ד"ר י. רעגענסבורג ז"ל, ד"ר צ. שאַבאַד, ד"ר ר. שאַבאַד-גאַווראָנסקאַ, י. שקירדין (ווילנע); ד"ר ש. חזן, שוו. שיינע יעלין, ד"ר א. ליבניק (גראָדנע); ד"ר מ. א. ביקעלעס, ד"ר י. מינצער (לעמבערג); ד"ר הערשענהאָרן (לובלין); ד"ר ז. ליכטער (לאָמזשע); ד"ר אָרנסאָן, ד"ר וואָלפסאָן, ד"ר א. מאַרגאַליס, ד"ר קליאַטשקאָ, ד"ר א. קרינסקי, ד"ר ש. שוואַלבע, ד"ר ל. שיפמאַן (לאָדז); ד"ר ל. גלייבערזאָן, ד"ר ל. יאַקובסאָן, ד"ר מאַנדעלבוים (פּינסק); ד"ר סערלעצקי (וואָלקאָוויסק); ד"ר ר. בעקער (אָטוואָצק); ד"ר אַל. אַלשוואַנגער, ד"ר בלומענטאַל, ד"ר בריצקוס, ד"ר א. וואָלפּסבערג, ד"ר א. ראָזענטאַל, ד"ר י. רובין, פּראָפ. ה. שטראַוס (בערלין); ד"ר ב. פלורי, ד"ר ל. גאָלדשטיין, ד"ר גיטמאַן, ד"ר פינקעלשטיין, ד"ר א. פּיק (ליטע); ד"ר ב. הערצפעלד (ריגע); ד"ר י. גאַרדין (דווינסק); ד"ר י. וויינשטיין (קעשענעוו); ד"ר בורוויקעל (באַהיים); ד"ר איסערלין (גאַר-זאָרען); ד"ר מ. ליפשין (ציריך); ד"ר כהן, ד"ר זאַס, ב. קאַראַלניק (ירושלים); ד"ר ש. קליינמאַן (באָסטאָן); קאַנד.-מעד. וו. ראַבינאָוויטש (קעניגסבערג); ד"ר שוואַרץ, ד"ר ש. סעמיאַטיצקי (מעזריטש); ד"ר ה. זילבערמאַן (סוויסלאָטש); ד"ר א. ברודנאָ (דרוגילאָוויטש); ד"ר צבי לוקאַטשעווסקי (ביאַליסטאָק); א. סאָסנאָוויק (מיאַריי); פּראָפ. מ. גראַן, אברהם קאָטיק, נחום שטיף א"א (רוסלאַנד).

חוצדעם אַ ריי איבערזעצונגען און קאָמפּילאַציעס פון די אָנגעזעענסטע און באַרימטסטע פּראָפעסאָרן און דאָקטוירים פון אייראָפּע.

אין משך פון די 9 יאָר איז פון די געדרוקטע מאַטעריאַלן אין „פ"ג" דורך דעם פאַרלאַג „טאָז" (וואַרשע, גענשאַ 43) אַרויסגעגעבן געוואָרן פאָלגנדע בראָשורן:

1. ד"ר צ. שאַבאַד — „זעלבסטשוץ פון מענטשלעכן אָרגאַניזם" (אין 2 טיילן); 2. ד"ר א. קאַפּלאַן — „היגיענע פון שפּייז"; 3. ד"ר ג. ריטער — „דער אַרומגאַנג און די פלעגע פון זויגקינד"; 4. ד"ר א. גוטמאַן — „ווי פאַרהיט מען זיך פון טובערקולאָז"; 5. ד"ר י. פייגענבערג — „די ערשטע הילף אין אומגליקסטאַלן"; 6. ד"ר ק. מאַרלאָס — „קורצע כללים פון ערשטער הילף ביז אַ דאָקטאָר קומט"; 7. ד"ר צ. שאַבאַד — „בייכטיפוס"; 8. ד"ר צ. שאַבאַד — „שקאַרלאַטין"; 9. ד"ר צ. שאַבאַד — „מאָזלען"; 10. ד"ר מ. רינגלער — „דער קאַמף מיט די הויז-אינזעקטן"; 11. פּראָפ. קאַראַסאַ-קאַרבוט — „דער קאַמף מיטן שטויב אין פאַבריקן און וואַרשטאַטן"; 12. פּראָפ. קאַראַסאַ-קאַרבוט — „וואָס איז אַזוינס פּראָפעסיאָנעלע היגיענע"; 13. פּראָפ. ליטאָווסקי — „ווי אַזוי פאַרהיט מען זיך פון ווענערישע קראַנקייטן"; 14. פּראָפ. א. ל. מענדעלסאָן — „אַנאַניזם און דער קאַמף מיט אים"; 15. ד"ר ש. חזן — „דאָס לעבן פון דער פרוי". פלוגבלאַט: „וואָס שוואַנגערע פרויען דאַרפן וויסן".

די ווילנער אָפּטיילונג „טאָז" (פריער „אָזע") האָט פון די מאַטעריאַלן פון „פ"ג" אַרויסגעגעבן פאָלגנדע בראָשורן:

1. ד"ר צ. שאַבאַד — „וואָס איז אַזוינס „פאַרקילונג" און ווי פאַרהיט מען זיך פון דעם"; 2. ד"ר י. פייגענבערג — „ווערים און גייצן"; 3. דער „פאָלקסגעזונט" צו די יידישע קינדער. פלוגבלעטער: א) „ווי פאַרהיט מען זיך פון ווענערישע קראַנקייטן"; ב) „ווי אַזוי צו דערנערן זויגקינדער"; ג) „דער קאַמף מיט טיפוס".

אַ ב אָ נ אַ מ ע נ ט ס - פּ ר י י ז: אַ יאָר — 6 גילדן; אַ 1/2 יאָר — 3 גילדן; אַ 1/4 יאָר — 1.50 גילדן. אויסלאַנד — 1.50 דאָלאַר.

אַ ד ר ע ס פ אַ ר ב ר י וו: Red. „Folksgezunt", Wilno, W.-Pohulanka 21

פ אַ ר ג ע ל ט: P. K. O. 80.604 —

פון יאַנואַר 1931 גייט אַרויס דער זשורנאַל

# ייוואָ-בלעטער

חודש - שריפט פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט

שטענדיקע אָפּטיילונגען: פילאָלאָגיע (רעדאַקטאָר מ. ווײַנרײַך), געשיכטע (רעדאַקטאָר א. טשעריקאָווער), עקאָנאָמיק און סטאַטיסטיק (רעדאַקטאָר יעקב לעשטשינסקי), פּסיכאָלאָגיע און פּעדאַגאָגיק (רעדאַקטאָר ל. לעהרער), אינפאָרמאַציעס וועגן דער אַרבעט פון ייוואָ און וועגן אויפטוען פון דער וויסנשאַפט אין אַלגעמיין.

אַלע מיטגלידער פון די וויסנשאַפטלעכע סעקציעס פון ייוואָ און אַ גרויסע צאָל אַנדערע וויסנשאַפטלער זײַנען שטענדיקע מיטאַרבעטער. פאַראַנטוואָרטלעכע קאָלעגיע: מ. ווײַנרײַך, ז. קלמנאָוויטש, ז. רייזען.

## אויסגאַבעס פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט

1. פילאָלאָגישע שריפטן, I: לאַנדויבוך. XXVIII+428+XVI זײַטן גרויס־קוואַרט. ווילנע, 1926. 41 אַרטיקלען, מיט אַ אויספירלעכן קיצור אין ענגליש. פרייז 14 גילדן אין אויסלאַנד 3 דאָלאַר.

2. פילאָלאָגישע שריפטן, II. XXXVI+516+XVI זײַטן גרויס־קוואַרט. ווילנע, 1928. 39 אַרטיקלען און נאָטיצן, מיט אַן אויספירלעכן קיצור אין ענגליש. פרייז 20 גילדן.

3. שריפטן פאַר עקאָנאָמיק און סטאַטיסטיק, I. XVI+524+34 זײַטן גרויס־קוואַרט. בערלין, 1928. 28 אַרטיקלען, מיט אַן אויספירלעכן קיצור אין דײַטש. פרייז 25 גילדן.

4. פילאָלאָגישע שריפטן, III. XXIV+622+XVI זײַטן גרויס־קוואַרט. ווילנע, 1929. 42 אַרטיקלען, מיט אַן אויספירלעכן קיצור אין ענגליש. פרייז 26 גילדן.

5. היסטאָרישע שריפטן, I. XX+828+L זײַטן גרויס־קוואַרט. וואַרשע, 1929. 32 אַרטיקלען, מיט אַן אויספירלעכן קיצור אין דײַטש (אָדער אין פויליש). פרייז 30 גילדן.

6. שריפטן פאַר עקאָנאָמיק און סטאַטיסטיק, II. איבער 40 דרוק־בויגן.

7. שריפטן פאַר פּסיכאָלאָגיע און פּעדאַגאָגיק, I. איבער 40 דרוק־בויגן.

8. פילאָלאָגישע שריפטן, IV. פאָלקלאָר־באַנד, פון די אוצרות פון דער פאָלקלאָר־קאָמיסיע פון ייוואָ.

9. היסטאָרישע שריפטן, II. לכבוד דעם 70־טן געבוירנטאָג פון ש. דובנאָוו.

10. פילאָלאָגישע שריפטן, V.

### אַרכיוו פאַר דער געשיכטע פון יידישן טעאַטער און דראַמע

ערשטער באַנד VIII+536 זײַטן, קוואַרט. ווילנע, 1930. 73 אַרטיקלען, דאָקומענטן, רעצענזיעס און נאָטיצן, מיט אַן אינהאַלט אין דײַטש, 26 קלישעס. פרייז 25 גילדן.

### פּנקס

אַ פערטליאָריקער זשורנאַל פאַר דער יידישער ליטעראַטורגעשיכטע, שפּראַכפאָרשונג, פאָלקלאָר און ביבליאָגראַפיע, אַרויסגעגעבן פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט, אַמעריקאַנער אָפּטייל. באַנד I, 1927—1928. IV+400+IV זײַטן, קוואַרט. ניו־יאָרק, 1927—1928. 64 אַרטיקלען, נאָטיצן, רעצענזיעס. פרייז 3 דאָלאַר. — באַנד II, העפט 1. 96 זײַטן, קוואַרט. ניו־יאָרק, 1929.

### ביבליאָגראַפישע יאָרביכער פון ייוואָ

באַנד I — 1926. XIV,XII+446+XXIV זײַטן, אָקטאַוו. ווילנע, 1928. פרייז 17 גילדן. באַנד II — 1927. XXIV+523 זײַטן, אָקטאַוו. ווילנע, 1930. פרייז 20 גילדן.

### ביבליאָטעק פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט

1. פּראָפעסאָר שמעון דובנאָוו: געשיכטע פון חסידיזם. אויפן יסוד פון אָריגינעלע מקורים, געדרוקטע און כתב־ידן. ערשטער באַנד. XVI+276 זײַטן, אָקטאַוו. ווילנע, 1930. פרייז 8 גילדן.

2. די ערשטע יידישע שפּראַך־קאָנפערענץ. באַריכטן, דאָקומענטן און אָפּקלאַנגען פון דער טשערנאָוויצער קאָנפערענץ, 1908. ווילנע, 1931. XX+288 זײַטן, אָקטאַוו. פרייז 10 גילדן.

3. יוסף פערלס יידישע כתבים. א) מגלה טמירין, ב) גדולת רב חאַלף משטערניקאָנסטאַנטינאָוו. מיט אַ ביאָגראַפישן אַרײַנפיר פון ישראל ווײַנלעז. ווילנע, 1931, XL+245 זײַטן, אָקטאַוו. פרייז 10 גילדן.

4. ד"ר י. שאַצקי: ביבליאָגראַפיע פון יידישע דרוקן. אַ פולשטענדיקע רשימה פון יידישע דרוקווערק פון 16־טן י"ה ביז 1850.

### ביבליאָטעק פון רעפּראָדוקציעס

ערשטע פּובליקאַציע: מענדל לעפין: „קהלת": אָריגינאַל / פירוש / יידישע איבערזעצונג. פאָטאָגראַפישער איבערדרוק לויט דעם כתב־יד פון דער יוסף פערל ביבליאָטעק אין טאַרנאָפּאָל. געדרוקט אין 350 עקזעמפּלאַרן. ווילנע, 1930. פרייז 17,50 גילדן, 2 דאָלאַר.

י. ל. כהן: יידישע פאָלקסמעשיות. אויס דעם פאָלקלאָר־נאָכלאַס. פאָלקלאָר־ביבליאָטעק, נומער 1. ניו־יאָרק — ווילנע, 1931. 205 זײַטן. פרייז — 6 גילדן, פאַר אויסלאַנד 1.25 דאָלאַר. הויפּט־פאַרקויף אין סעקרעטאַריאַט פון ייוואָ.

---

ביז אַפּריל 1931 זײַנען אַרויס 10 נומערן פון דער סעריע „אָרגאַניזאַציע פון דער יידישער וויסנשאַפט".

---

**אַדרעס:**

Żyd. Instytut Naukowy, W. Pohulanka 18, Wilno.

**קאָנטעס:**

Konto czekowe P. K. O. 81.396: Tow. Przyjaciół Żydowskiego Instytutu Naukowego, Wilno.

**אָדער:**

Centralny Bank Ludowy Spółdz. Żydowskich, W. Pohulanka 5, Wilno.

**בײַ געלט־שיקונגען דאַרף מען אויפן קופּאָן פון דער איבערווײַזונג אומבאַדינגט באַצייכענען, אויף וואָס די סומע איז באַשטימט.**

